# אַ לעבּען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראַסקין

## ערשטער טייל

### קאַפּיטעל 1

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַל־בער נאַכט. עלינאָר איז געזעסען אין איהר צימער ביים פענסטער און ־גיט געטראַכט נאָך פון געהן שלאָפען. זי איז ערשט געקומען פון ־גאַס, און זי איז געווען שטאַרק אויפגערודערט. עס איז איהר צו־גוט געווען היינט, עלינאָר׳ן. אַ יונגערמאַן, לאַרי פינקעל, איהר „באָי־פרענד“, האָט היינט מיט איהר אָנגעהויבען אַ רייד וועגען חתונה האָבען.

שוין מעהר ווי אַ האַלב יאָהר, אַז זיי האָבען זיך געקענט. זיי האָבען זיך ליב געקראָגען. און היינט האָט ער איהר שוין געזאָגט דאָס וואָרט...

עלינאָר האָט איצט דורכגעלעבט גע־מישטע געפיהלען פון פרייד און אומ־רוה: — קען דאָס זיין, אַז דאָס האָט מיט אַן אמת׳ן היינט מיט איהר פּאַ־סירט? זי האָט זיך אַליין ניט גע־גלויבט. לאַרי, איהר געליבטער באָי, איהר באַשערטער...

דער גאַנצער אָוונט היינט מיט לאַרי׳ן איז אַדורך אין אַ פייערליכער שטימונג. זיי האָבען פריהער פאַר־בראַכט אין אַ טעאַטער אויף בראָדוויי. געזעהן אַ „מיוזיקעל קאָמעדי“. דער־נאָך זיינען זיי אַריין אין אַ רעסטאָ־ראַן עפּעס איבערבייסען. אין דער יום־טוב׳דיגער אַטמאָספערע פון אַ שבת

לאַרי פינקעל (איבערגעמאַכט פון פינקעלשטיין) איז געווען אַ בחור, וואָס מען האָט געקענט זיך אין איהם פאַרליבען. אַן ערנסטער, אַן אַנטשלאָ־סענער, מיט אַ שטאַרקען ווילען. וואָס האָט זיך אַלע מאָל געלאָזט פיהלען אין זיין פּערזאָן. ער איז געווען אַבי־סעל העכער פון מיטעלען וואוקס, ברייט־פּלייציג און קרעפטיג, מיט שטאַרק־שוואַרצע האָר, און אַזעלכע שוואַרצע פולע ברעמען. אַ גלייכע, געטאַקטע נאָז. ער איז געווען מענע־ריש־שיין.

לאַרי האָט שטודירט אויף דאָקטאָר, און ער האָט אַזוי ווי אַ סך אַנדערע יונגעלייט אַרויסגעהויבען זיך פון אָרעמקייט. האָט שווער געאַרבייט ביז ער האָט זיך דורכגעשלאָגען אַ וועג. נאָר לאַרי האָט דערגרייכט ווייטער ווי אַ סך אַנדערע. ער האָט שוין איצט

(ווי׳טערס — מאָרגען)

# דער לעצטער פון די גרויסע קעמפער

ערינערונגען וועגען דעם ערשט פאַרשטאָרבענעם רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסט פראַנץ קורסקי

פון דוד איינהאָרן

(ווייטערס—אין נעקסטען אַרטיקעל)

# האָליוואָוד וויל מיך קויפען

מען דינגט זיך מיט מיר. — טויזענטער שפּילען ניט קיין ראָלע. — פּראָדיוסערס, אַגענטען און אַ הונט

אַ בריף פון לאָס אַנדזשעלעס

פון חנא גאָטעספעלד

(שלום אויף פעדזוש 8)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

## קאַפּיטעל 2

פאַרוואָס איז עלינאָר'ס טאַטע, סעם ריווקין, אַוועק פון דערהיים, האָט איבערגעלאָזען דאָס ווייב און זיין איינציגע טאָכטער און איז אַוועק?

קיינער האָט די אמת'ע אורזאַך ניט געוואוסט. עס זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, שושקעריייען צווישען די שכנים. אין דעם אַפּאַרטמענט־הויז אין די בראָנקס וואו די ריווקינס האָבען געוואוינט האָבען שכנים געהערט די קריגערייען און זיי האָבען אין דער שטיל איינע צו די אַנדערע גערעדט, אַנווייזענדיג מיט אַן אויג צו יענעם ווינקעל:

— דאָס איז אין אַפּאַרטמענט „3־בי".

— שוין ווידער...

פענסטער האָבען זיך צוגעמאַכט, פאַרהאַנגען האָבען זיך פאַרצויגען ני־דעריגער, ווי וועלענדיג זיך אָפּצאַמען פון עפּעס אַ שלעכטס.

טאָמער איז אַ לענגערע צייט גע־ווען שטיל ביי די ריווקינס, האָבען שכנים זיך שוין געוואונדערט אויף זיי:

— ווייזט אויס, זיך שוין איבער־געבעטען.

— פרעהט זיך ניט. ס'איז ניט אויף לאַנג...

נאָר די נעהענטערע פריינט פון די ריווקינס, וואָס האָבען געוואוסט מעהר פון זייער לעבען, האָבען צווישען זיך גערעדט, אַז זיי זיינען ניט געווען קיין גלייכע פּאָר פון אָנהויב־אָן, און אַז עס האָט ניט געקענט זיין קיין שלום צווישען זיי. סעם ריווקין איז נאָר געווען אַן אַרבייטער אין אַ שאָפּ, און זיין ווייב, בעלאַ, האָט געהאַט אַמבי־ציעס. זי האָט געשטרעבט צו עפּעס העכערס, צו רייכקייט, צו לעבען מיט אַ ברייטען פאַרנעם.

בעלאַ איז געווען האַלב־אַמעריקאַני־זירט. זי איז אַריבערגעקומען אַהער אין לאַנד, ווען זי איז נאָך גאָר יונג געווען, און זי האָט גיך אויפגעכאַפּט דאָס ענגלישע לשון. זי איז מיידעל־ווייז געווען אַ פאַרקויפערין אין אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר. זי האָט אַפילו פאַרוואַלטעט איבער אַ גאַנצער אָפּ־טיילונג פון פרויען־קליידער אין יע־נער סטאָר. און פון דעמאָלט־אָן איז ביי איהר פאַרבליבען אַ געשמאַק פאַר ביזנעס.

אַז בעלאַ האָט חתונה געהאַט מיט סעם ריווקין'ען האָט זי געהאָפט, אַז זי וועט אים איבערשטעלען אויף איר וועג. זי האָט געגלויבט, אַז מען קען אַ מאַן „מאָלדען" (איבערקנעטען), אויב מען ווייס נאָר ווי אַזוי. זי האָט געהאָפט, אַז סעם וועט אַריין אין אַ ביזנעס און זי, בעלאַ, וועט איהם אַ סך קענען אַרויסהעלפען מיט איהר אייגענער גע־ניטקייט.

סעם, ווידער, האָט זיך ניט געלאָזען איבערמאַכען. ער איז געווען אַ גו־טער באַלמעלאָכע נאָך פון אַמאָל אין דערהיים, און ער האָט זיך אַפילו מיט דעם געגרויסט. אין שאָפּ וואו ער האָט געאַרבייט זיינען געווען אינגערע און פלינקערע פון איהם, נאָר סעם האָט זיך געהאַט זיינע אייגענע, שכל'דיגע ווענען אין דער אַרבייט, אַז ער האָט געקענט אָניאָגען די שנעלסטע אַרביי־טער אַרום איהם.

וואָלט בעלאַ געווען אַ רוהיגע נאַ־טור, וואָלט זי געקענט זיין צופרידען מיט איהר לעבען. זיי זיינען ניט גע־ווען רייך, נאָר זיי האָבען געקענט פירען אַ שטילען און רוהיגען לעבען, מיט סעם'ס פאַרדינסטען. האָט אָבער דער וואָרעם פון קנאה, פון ניט־פאַר־גינעריי זיך פאַרקליבען אין הארצען ביי איהר, און זי האָט אַרויפגעקוקט צו די, וואָס פאַרמאָגען אַ סך, וואָס לעבען אין ראַסקאַש. זי איז פּשוט אויפגעגעסען געוואָרען פון האַרצוועה־טאָג. דער כּישוף פון געלט האָט איהר געבלענדט די אויגען:

— מיט געלט קען מען אַלין דער־גרייכען — איז געווען איהר באַליבט וואָרט.

אַז סעם ריווקין איז צום סוף פון דער וואָך געקומען מיט דער „פּעי" אין האַנט, האָט בעלאַ פלינק געגעבען אַ עפען־אויף דעם קאָנווערט, אומגע־דולדיג צו דערוויסען זיך וויפיל ער האָט די וואָך געבראַכט פאַרדינסט.

פון די לאַנגע יאָהרען וואָס סעם האָט זיין ווייב געקענט, איז איהם שווער געווען זיך צוגעוואוינען צו אָט דער מאַניער איהרער, ווי זי גיט אַן עפען־אויף דעם קאָנווערט און ווי זי צעהלט אומגעדולדיג דאָס געלט.

— ס'איז ביי דיר אַ קראַנקהייט אַזאַ, בעלאַ — האָט סעם געפּרוּווט פון דעם מאַכען אַ שפּאַס. אָבער בעלאַ האָט אויף דעם נאָר ביטער אַ שמייכעל געטאָן, ווי זי וואָלט זאָגען: „ער קען זיך נאָך וויצלען."

סעם איז ניט געווען קיין איינריי־סער. ער האָט זיך ניט געיאָגט צו אַרבייטען „אָווערטאַים". אָפּגעאַרבייט אַ טאָג, איז גענוג. ער האָט ניט גע־וואָלט פאַרשלונגען ווערען פון דעם שאָפּ, און ער האָט געזאָגט צו בעלאַ'ן: זיין ווייב:

— עס איז פאַראַן אַ גרויסע וועלט אויסער דעם שאָפּ. אַלערליי מענשליכע אינטערעסען, וואָס דאַרף אונז אַלעמען אָנגעהן..

אַז סעם איז פון דער אַרבייט גע־קומען אַהיים, האָט זיך ביי איהם דאָס ריכטיגע לעבען ערשט אָנגעהויבען. ער האָט הנאה געהאַט פון זיצען ביים טיש אינאיינעם מיט זיין ווייב און קינד און עסען דעם סאַפּער. ער האָט דערנאָך זיך אַוועקגעזעצט ביים שיין פון לאָמפּ און זיך פאַרטיפט אין זיין צייטונג. מען וואָלט איהם געקענט רעכענען פאַר אַ צופרידענעם מענשען, ווען אַלין וואָלט אַוועק גוט און ער וואָלט געקענט פאַרבלייבען אַ גע־טרייער פאַמיליען־מאַן, וואָס איז שטאַרק צוגעבונדען צו זיין היים.

סעם האָט געהאַט ברייטע אינטע־רעסען. ער האָט כסדר זיך געגרונטעט־וועט אין פּאָליטיק און אין כלל־פּראָ־געס. און אַ גוטער שמועס מיט פריינט, צי גאָר אַ דיסקוסיע, איז ביי איהם געווען דאָס לעבען. ער האָט דעמאָלט פאַרגעסען אַלין אין דער וועלט.

סעם האָט נאָר געהאַט עגמת־נפש, וואָס זיין ווייב איז ניט איינס מיט איהם. וואָרים בעלאַ, אַז זי האָט געזעהן איהר מאַנ'ס צופרידענעם פּנים, ווי ער פאַררעדט זיך אַזוי מיט פריינט און ער פאַרגעסט אַן אַלין, האָט דאָס איהר אויפגערעגט:

— אַ מענש זאָל אַלין קענען נעמען אַזוי גרינג!...

זי אַליין האָט געפיהלט שטאַרק אי־בער זיך דעם יאָך פון לעבען, און זי האָט ניט געקענט זיין אַזוי רוהיג ווי איהר מאַן. אין איהר שטרעבונג צו שטייגען העכער האָט בעלאַ ליב גע־האַט צו חבר'ן זיך מיט מענשען פון „העכערען שטאַנד" — מיט אַ פרוי פון אַ דאָקטאָר, אָדער פון אַ רייכען ביזנעסמאַן. און דאָרט, אין זייערע היימען, האָט זי ערשט געזעהן ווי אַזוי מען דאַרף לעבען. מענשען וואוינען אויף דער „וועסט־סאַיד", זיי האָבען שעהנע היימען מיט נייע „סעטס" מע־בעל; מענשען האָבען אויטאָמאָבילען און שעהנע קליידער. זיי געניסען פון לעבען. פאַרוואָס זאָל זי איינע דאַר־פען אַזוי ליידען?

— ס'איז אַמעריקע, און אַלע אַר־בייטען זיך אַרויף!...

בעלאַ האָט ניט געקענט פאַרגעבען איהר מאַן, וואָס ער איז פאַרבליבען נאָר אַ פּראָסטער אַרבייטער און זי האָט נאָך אַלין געפּרוּווט פון צייט־צו־צייט צו פאַרפירען מיט איהם אַ רייד, ער זאָל פּרוּווען אַ האַנט אין ביזנעס: ווערען אַליין אַ מאַנופאַק־טשורער אָדער עפענען אַ סטאָר. און זי, מיט איהר געניטקייט, וועט איהם קענען אַרויסהעלפען.

אַז סעם האָט נאָר דערהערט איהר אַזוי ריידען, איז ער געוואָרען ווילד פון כּעס:

— וואָס הייסט אַוועקוואַרפען אַ גוטען דזשאָב און פאַרנעמען זיך מיט אַ פרעמדער זאַך?

פאַרדרעהען זיך דעם קאָפּ מיט ביז־נעס, אַז דער גאַנצער גאַנג פון זיין טראַכטען איז גאָר געווען אַן אַנדע־רער; אַז ער איז גאָר געווען צופרי־דען מיט'ן איינגעשטעלטען לעבען פון אַן אַרבייטער: אָפּצואַרבייטען דעם טאָג און פאַרגעסען אַן דעם. דער קאָפּ איז דערנאָך פריי צו פאַרנעמען זיך מיט אַנדערע, העכערע ענינים...

ער האָט געקוקט אויף זיינע פאַר־האָרעוועטע הענט מיט די צעהן פינ־גער, וואָס האָבען איהם שטענדיג אַרויסגעפירט פון אַ נויט. און ער איז נאָך מעהר געוואָרען פאַר'עקשנ'ט.

ביי בעלאַ'ן אויפ'ן פּנים האָט דעמאָלט געשפּילט אַזאַ קלוגער שמייכעל, ווי זי וואָלט זאָגען:

— מיך קענסטו שוין ניט נאַרען. דו האָסט מורא צו פּרוּבירען...

ס'איז מאָדנע, ווי אָט־דער דריים־טער שטעל בעלאַ'ס, איהר זעלבסט־זיכערקייט, האָט איהם אַמאָל צוגע־צויגען. ער איז געוואָרען פון דעם פאַרכאַפּט. איצט מאַכט עס איהם נאָר אומרוהיג און עס רייצט איהם אויף...

אין אָווענט, אַז סעם איז געווען אינדערהיים, האָט ער קיינמאָל ניט געזעהן זיין ווייב רוהען. זי האָט גע־פּוצט די שטוב און געקראַכען הויך צום פענסטער, איבערמאַכען די פאַר־האַנגען ווי איהר געפעלט. אַז זי האָט שוין גאָרניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט זי זיך גענומען איבעררוקען די מעבעל פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען. זי וואָלט רק עפּעס איבערגעשטעלט, איבערגעמאַכט. דער איבּפּעט האָט אין איהר געיאָגט.

סעם איז דעמאָלט געזעסען מיט אַ צייטונג אין האַנט, נאָר ער האָט ניט געקענט לייענען. עס האָט איהם גע־שווינדעלט פאַר די אויגען.

— זאָל שוין זיין גענוג, בעלאַ. רוה זיך שוין אָפּ אַ ביסעל — האָט ער זיך ביי איהר געבעטען.

— וואָס איז, דיר אַרט שטאַרק פאַר מיר? — האָט זי אַ שמייכעל געטאָן סאַרקאַסטיש.

— מיר אַרט יע. פאַרוואָס זאָל מיך ניט אַרען פאַר דיר? דו ביזט דאָך מיין ווייב!

(ווייטערעס — מאָרגען)

---

# טאלסטאי און זיין ווייב

**די שטורעמדיגסטע יארן פון טאלסטאי'ס פאמי־ליען־לעבען. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראמאן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.**

פון לעאן קרישטאל

(פארטזעצונג פון פרייטאג)

טראץ דעם וואס טאלסטאי האט אזוי אפען ערקלערט אין זיין ענטפער צו דער „ניו יארק ווארלד", אז ער גלויבט אבסאלוט ניט אין דער וועלט־קאנפערענץ פאר אנטוואפנונג, וואס צאר ניקאלאי האט גערופען, האט דאך די רוסישע רעגירונג איהם דערפאר גארניט געטאן. די הויכע רוסישע באאמטע האבען אבער פארשטארקט די געהיימע „אויפזיכט" איבער איהם און האבען געקליבען געגען איהם באווייזע וואס האבען מיט דער צייט געפירט דערצו, אז די קירכע זאל איהם אריינ־לעגען אין חרם אריין. אינטערעסאנט איז דערביי דער פאקט, וואס אין דעם דראמאטישען קאמף צווישען איהם און דער רעגירונג מיט איהר אפיציעלער קירכע איז דער אנגרייפער געווען טאל־סטאי. באזונדערס קלאר האט זיך דאס ארויסגעוויזען טאקע אין דער צייט ווען עס איז גערופען געווארען די וועלט־קאנפערענץ פאר אנטוואפ־נונג.

אזוי ווי ניקאלאי דער צווייטער (און דער לעצטער) האט פארגעשלא־גען די קאנפערענץ און האט איינגע־לאדען די אנדערע לענדער, האט מען ניט נאר אין רוסלאנד, נאר אויך אין אנדערע לענדער אנגעהויבען ריידען און שרייבען וועגען דעם רוסישען צאר ווי וועגען א פרידענסליבענדען און כמעט־נאבעלען הערשער. דערביי האט מען ווירקליך געלעגט האפנונגען אויף דער וועלט־קאנפערענץ, וואס איז — אין יאהר 1899 — צונויפגערופען געווא־רען אין האאג, האלאנד.

טאלסטאי האט זיך אבער ניט גע־לאזט פארפירען פון דער פראפאגאנדע און פון די פאלשע האפנונגען וואס הא־בען זיך דעמאלט פארשפרייט אויף דער וועלט. ער האט געהאלטען דעם שריט פון דער רוסישער רעגירונג צו רופען די קאנפערענץ פאר געפערלי־כער היפאקריטסטווא, וואס מוז אויפ־געדעקט ווערען. ווי ער האט זיך שפע־טער אויסגעדריקט, איז עס איבער־הויפט געווען א ביטערער, פינסטערער שפאס אז אזא קאנפערענץ זאל גע־רופען ווערען פון דער רוסישער רע־גירונג, וועלכע האט די גאנצע צייט געהאלטען אין פארגרעסערען איהר ארמיי און האט ביי זיך אין לאנד אונ־טערדריקט יעדען פרייען געדאנק. טאלסטאי, אלס שרייבער, האט דאס זעהר גוט געוואוסט, ווייל זיינע ווערק, אין וועלכע ער איז שטארק ארויסגע־טראטען געגען מלחמה, זיינען געווען פארבאטען אין רוסלאנד און האבען זיך געדרוקט הויפטזעכליך אין אנדע־רע לענדער. אבער אויך אויף די רעגי־רונגען פון די פרייערע לענדער האט ער ניט געלעגט קיין שום האפנונגען. ער איז געווען איבערצייגט, אז רעגי־רונגען וועלען ניט מאכען קיין סוף צו מלחמות און אז נאר די פעלקער אליין, דורך אפזאגען זיך פון דינען אין מילי־טער און דורך אפזאגען זיך פון געהן אין קריג, קאנען ראטעווען די וועלט פון בלוט־פארגיסונגען.

ס'האט זיך שנעל ארויסגעצייגט, אז דאס וואס ער האט פאראויסגעזאגט וועגען דער האאגער קאנפערענץ איז מקוים געווארען. נאך א פאר חדשים פארהאנדלונגען און דינגעניש צווי־שען די דעלעגאציעס פון די פארשיי־דענע לענדער איז קלאר געווארען, אז די קאנפערענץ קאן ניט דורכפירען קיין אנטוואפנונג און וועט ניט נעמען קיין שריט געגען מלחמה. די קאנפערענץ האט זיך געענדיגט דערמיט, וואס עס זיינען אנגענומען געווארען באשלוסען און אויסגעארבייט געווארען א רייע אפמאכען פאר „מעהר־מענשליכער" מלחמה־פיהרונג.

ערב דער האאגער קאנפערענץ האט זיך א גרופע געלערטע און שרייבער פון שוועדען געווענדעט צו טאל־סטאי'ען מיט א פארשלאג, ווי אזוי צו באשיצען מענשען וואס זייער געווי־סען ערלויבט זיי ניט אנטייל צו נעמען אין מלחמה. זייער פלאן איז באשטא־נען אין דעם, אז די האאגער קאנפע־רענץ זאל אננעמען א באשלוס וואס זאל פארפליכטען אלע לענדער ניט צו צווינגען קיינעם צו דינען אין מיליטער און יעדער איינער וואס אנטזאגט זיך צו געהן אין דער ארמיי זאל דערפאר גענומען ווערען אויף א געוויסער צייט פון ציווילער דינסט פאר דער מלוכה. די שוועדישע גרופע האט געוואלט, אז טאלסטאי זאל פועל'ן ביים רוסישען צאר פארצושלאגען און צו שטיצען אזא פארשלאג אויף דער וועלט־קאנ־פערענץ. טאלסטאי האט געלויבט די גוטע אבזיכט'ן פון דער גרופע, אבער אין דער זעלבער צייט האט ער ער־קלערט, אז זייער פלאן האט ניט די מינדעסטע פראקטישע ווערט. ער האט ארויסגעבראכט, אז די איינציגע בא־דייטונג פון אזא פארשלאג קאן בא־שטעהן אין דעם וואס ער וועט באווייזען אנדערע וואס ער, טאלסטאי, האט שוין לאנג געדענקט ביי זיך — אז די גאנצע קאנפערענץ איז א פוסטע און היפאקריטישע אונטערנעמונג. ער האט געשריבען צו דער שוועדישער גרופע, אז „די וועלט־קאנפערענץ וועט בא־שטימט זיין געגען אזא פארשלאג, ווייל זי וועט קיינמאל ניט ערלויבען אז מענ־שען, וואס אנטזאגען זיך צו דינען אין מיליטער, זאלען בלייבען אומבא־שטראפט".

ס'האט זיך שנעל ארויסגעצייגט, אז טאלסטאי האט געהאט רעכט ניט נאר וועגען דעם פלאן פון דער שוועדישער גרופע, נאר אויך וועגען דעם גאנצען ענין פון אנטוואפנונג. דאס אלץ איז כדאי דא צו דערמאנען, ווייל ביז'ן היינטיגען טאג האלט מען אין איין רעדען וועגען אפשאפען מלחמות און וועגען אנטוואפנונג און עס קומט גאר ניט ארויס דערפון.

טאלסטאי'ס ליידענשאפטליכע קא־רעספאנדענץ וועגען די פראגען פון קריג און פרידען אויף דער וועלט איז געווען נאר א קליינער טייל פון זיין שרייבערישער טעטיגקייט אין יאהר 1899. ער האט דאן מיט גרויס ברען געארבייט צו פארענדיגען דעם נייעם ראמאן „וואסקרעסעניע" (תחית המתים). כאטש דער ראמאן האט זיך אנגעהויבען דרוקען אין דעם רוסישען זשורנאל „ניווא" אין חודש מערץ פון יענעם יאהר, האט אבער טאלסטאי נאך ווייט ניט געהאט פארטיג דאס גאנצע ווערק. ער האט פלייסיג און געשמאק געארבייט טראץ דעם וואס ער איז שוין געווען איבער 70 יאהר אלט און האט אונטערגעקרענקט. ווי זיין שטייגער איז געווען, האט ער געהאלטען אין איבערשרייבען א סך טיילען פון דעם ווערק, און ווייל דער זשורנאל האט גע־פאדערט אלץ מעהר און מעהר פון דעם ווייטערדיגען שטאף, האבען עט־ליכע מענשען געמוזט ארבייטען אי־בערצושרייבען די פארשיידענע קא־פיטלען וואס ער האט באארבייט. סאניא איז ווידער געווארען אן איבער־שרייבערין, נאר איהר הילף אליין איז ניט געווען גענוג. די טעכטער האבען אויך מיטגעהאלפען און דערצו איז צו־געדונגען געווארען א יונגע פרוי, וועל־כע האט געקאנט ארבייטען אויף א שרייב־מאשין. שרייב־מאשינען הא־בען זיך דעמאלט שוין אנגעהויבען בא־ווייזען אין רוסלאנד און טאלסטאי איז געווען איינער פון די ערשטע רוסישע שרייבער, וועמעס ווערק זיינען איבער־געשריבען געווארען אויף דער מאשין.

ניט־קוקענדיג אויף זיין שטארקער פארנומענקייט מיט זיין דרינגענדער ארבייט, האט טאלסטאי דאך געפונען צייט אויפצונעמען אלערליי באזוכער, וואס זיינען שטענדיג געקומען צו איהם. א טייל פון זיינע באזוכער זיינען גע־ווען רעליגיעזע מענשען, וואס האבען געוואלט מיט איהם שמועסען וועגען זיין לעהרע; אנדערע זיינען געווען שרייבער און געזעלשאפטליכע טוער, ווידער אנדערע זיינען געווען זיינע אי־בערגעבענע אנהענגער. אין דער זעל־בער צייט, וואס טאלסטאי האט אויפ־גענומען זיינע באזוכער, האט סאניא געהאט איהרע אייגענע געסט, וועלכע זיינען געווענהנליך געווען אריסטאקרא־טישע מענער און פרויען מיט וועלכע זי האט אנגעהאלטען איהר פריינט־שאפט. אין יאסנאיא פאליאנא און אויך אין זייער הויז אין מאסקווע האט סאניא געווענהנליך פארבראכט מיט איהרע געסט אין איין טייל פון דער וואוינונג — אין זאל או אין עס־צימער — און טאלסטאי האט אויפגע־נומען זיינע באזוכער אין זיין ארבייטס־צימער.



טאלסטאי'ס פאמיליע האט א נא־מען געגעבען זיינע אנהענגער „טונ־קעלע פארשוינען". סאניא האט זיי ניט פארווערט צו קומען צו איהר מאן, אבער זיי זיינען מעהרסטענס אריינגע־לאזט געווארען צו איהם ניט דורך דער פאראדנער טיר. א פרוי מיט'ן נאמען סאפיא שיל, וועלכע האט געארבייט אין דעם טאלסטאיאישען זשורנאל „פאסרעדניק" (פארמיטלער) און איז א סך מאל געווען ביי טאלסטאי'ען אין הויז סיי אלס איינע פון זיינע באזו־כער סיי אלס זיין פאמיליע'ס גאסט, דערציילט דאס פאלגענדע:

„עס זיינען געווען צוויי אריינגאנ־גען אין טאלסטאי'ס הויז אריין. מענ־שען מיט גוטע מאניערען, אדער מענ־שען וואס האבען פארנומען אן אנגע־זעהענעם פלאץ אין דער אריסטאקרא־טישער געזעלשאפט, זיינען געקומען דורך דער פאדערשטער טיר. עס איז אויך געווען א הינטער־טיר מיט בא־זונדערע שטייגען פאר די זוכער פון אמת, וועלכע זיינען געקומען ריידען מיט טאלסטאי'ען דעם מאראליסט. אזעלכע באזוכער זיינען געווענהנליך ארויפגעגאנגען צו איהם דירעקט און ניט באאומרוהיגט די פאמיליע.

פון צייט צו צייט איז אויך טאל־סטאי אריינגעקומען אין זאל אדער אין עס־צימער, וואו סאניא און די קינדער האבען פארבראכט מיט זייערע געסט. די זעלבע סאפיא שיל דערציילט, אז איינמאל ערב איסטער אין אוונט, ווען זי איז געקומען מיט א באזוך צו טאלסטאי'ס פאמיליע אין מאסקווע, האט א באדינער אין ווייסע הענטש־קעס געעפענט פאר איהר די טיר. ווען זי איז ארויפגעקומען אין זאל, האט זי דארט געטראפען א גרויסען עולם פון אויסגעפוצטע געסט. ביי איינעם פון די טישען איז געזעסען איינע פון טאל־סטאי'ס טעכטער און האט אויסגענעהט בוכשטאבען אויף א טישטוך. סאפיא שיל האט זיך נאכגעפרעגט וואס די בוכשטאבען זיינען. טאלסטאי'ס טאכ־טער האט איהר געוויזען דאס טישטוך, און עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז דאס האט זי אויסגענעהט נעמען פון די געסט וועלכע האבען זיך געפינען אין זאל. יעדער גאסט האט ביים אריינקומען אונטערגעשריבען זיין אדער איהר נאמען מיט קרייד אויף דעם טישטוך און איינע פון די טעכ־טער האט די אונטערשריפטען אויסגע־נעהט. דאס טישטוך איז אזוי ארום פארבליבען אלס אן אנדענק פון די געסט וועמעס נעמען עס זיינען דארויף אויסגענעהט געווארען.

קיינער האט ניט פארגעשלאגען סא־פיא שיל, אז זי זאל אויפשרייבען איהר נאמען צום אויסנעהען אויפ'ן טישטוך. צוערשט האט דאס איהר געוואונדערט, אבער ווען זי האט דורכגעלייענט דאס צעטעל פון די אויסגענעהטע אונטער־שריפטען, האט זי געזעהן, אז כמעט פאר יעדען נאמען איז פאראן אן אריס־טאקראטישער טיטול — פירשט, גרע־פין און דאס גלייכען. זי איז געווען איינע פון די ווייניגע געסט וואס האט ניט באלאנגט צו דער אריסטאקראטיע און האט ניט געהאט קיין טיטול. דער־ריבער האט קיינער פון טאלסטאי'ס הויזגעזינט איהר ניט אנגעבאטען, אז זי זאל אויפשרייבען איהר נאמען אויפ'ן טישטוך. זי אליין דערציילט דאס אויך צו געבען א באגריף ווי שטארק טאל־סטאי'ס הויזגעזינט איז געווען פאר־ווארצעלט און איינגעגלייבט אין דער „אריסטאקראטישער" געזעלשאפט, ניט קוקענדיג דערויף וואס טאלסטאי אליין איז געווען פ א ר דעם פאלק און ג ע ג ע ן דער אריסטאקראטיע.

(ווייטערס — מיטוואך)

# איהר לעצטער וואונש

א דעטעקטיוו ראמאן

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" פון
שלמה בן־ישראל

נאכדרוק פארבאטען

(פארטזעצונג)

— איך דערצעהל עס אייך אלץ, כדי איהר זאלט קענען פארשטעהן די ווייטערדיגע פאסירונגען פון מיין לעבען. מיין פרוי איז געווען א שלעכ־טע, א פוילע, א צובאלעוועטע, א שלאק. מיר האבען געהאט צוויי קינדער, אבער צוליב איהר פוילקייט און נאכלעסיגקייט זיינען זיי ביידע אוועק יונג פון דער וועלט. איך פלעג יענע יאהרען זיין אין די וועלדער און אויף די טייכען, טרייבענדיג געהילץ קיין דאנציג. איך בין זעלטען געווען אין דער היים און כ'האב ניט באגרי־פען גענוי וואס פאר א שלאק מיין פרוי איז געווען. עטליכע יאהר נאך דער חתונה האט מיין פרוי זיך אנגע־זעצט אויף מיר, כ'זאל אויפגעבען דעם געהילץ־מסחר און בלייבען אין שטוב. איך האב ניט געקענט בייקומען איהר שטארקען ווילען. זי איז געווען א רעספאט, א שלאק. כ'האב זיך גענו־מען צום האנדעל מיט תבואה און פלאקס, אבער ניט מיינע ביזנעס און ניט מיין פאמיליען־לעבען זיינען מיר איינגעגאנגען. זי פלעגט מיך יאדען טאג און נאכט, שטענדיג מיר פארגע־ווארפען איהר יחוס, האט זיך צו־קריגט מיט מיין גאנצער פאמיליע, מיט אלע פריינט און שכנים. דאס הויז איז געווען א גיהנום. קיין דינסט האט זיך ניט געהאלטען ביי איהר און אליין האט זי ניט געוואלט אריינטאן א פינגער אין קאלט וואסער. איך האב געלעבט א הינטישען לעבען. אפילו א הונט פלעגט עסען בעסער ווי איך און האבען א ריינערע הויז. עס פלעגען דורכגעהן וואכען, וואס מיר פלעגען ניט רעדען, און ווען זי פלעגט עפענען איהר מויל, איז עס געווען נאר פאר זידלערייען און יארעניש.

— איך האב גענומען טראכטען פון א גט, אבער זי האט ניט געוואלט אפילו הערען דערפון. איך האב דאן באשלאסען, אז איך האב פאר זיך צוויי וועגען: אדער באגעהן זעלבסט־מארד, אדער אנטלויפען.

— מיין עלטערע שוועסטער האט גענומען איינ'טענה'ן מיט מיר, אז איך זאל אוועקפאהרען צום ברודער אין יאהאנעסבורג. מיינע עלטערן האבען שוין ניט געלעבט דאן. זיי זיינען ביידע געשטארבען פאר דער צייט פון עגמת־נפש און חרפות, וואס מיין קליפע האט זיי פארשאפט. ווי לאנג מיינע טאטע־מאמע האבען גע־לעבט, האב איך זיך געהיט פון אן עפענטליכען סקאנדאל, אבער איצט האט מיין שוועסטער גענומען ארייננ־קלאפען מיר אין קאפ דעם געדאנק פון אנטלויפען. „וועסט איהר שיקען א גט פון סאוט־אפריקע", האט זי מיר איינגערעדט, און איך האב גענומען איינזעהן, אז דאס איז מיין איינצי־גער אויסוועג.

— איך האב גענומען שטיקערהייט אויספארקויפען מיינע סחורות און אנ־קלייבען געלט. איך האב שוין געהאט כמעט אלץ פארטיג, ווען גאט אליין האט זיך אריינגעמישט.

— עס איז געווען ערב־פסח. איך בין דאן געווען אין גראדנע אויף דריי טעג און ווען כ'בין צוריקגעקומען אהיים, האב איך געטראפען דעם אומ־גליק, וואס איז געווען א גליק פאר מיר. מיין שלאק האט געהאט א דינסט אין הויז צוצוראמען פאר פסח און זי האט איהר צוגעהאלפען א בי־סעל. האט פאסירט אזוי, אז איהר קלייד האט זיך אנגעכאפט ביים פרי־מוס־פייער און זי האט גענומען ברע־נען. זי איז שטענדיג געווען אן אפ־געלאזענע, ניט־פארקעמטע און די האר האבען זיך אנגעכאפט מאכענ־טאל. זי האט גענומען שרייען און לויפען. די דינסט האט ארויפגע־ווארפען אויף איהר א מאנטעל, אבער עס איז געווען צו־שפעט. די הויז האט זיך אנגעצונדען, צוערשט די פארהאנ־גען אויף די פענסטער, דאן די מע־בעל, די ווענט. און אין א האלבער שעה איז דאס גאנצע הויז אוועק מיט'ן רויך. די דינסט האט מען צו־גענומען אין שפיטאל מיט שווערע בראנד־וואונדען. איך בין פון באהן אוועק צו דער לויה פון מיין פרוי, אבער איך בין זיך מודה, אז איך האב ניט געפיהלט קיין טיפען וועהטאג. איך האב אוודאי רחמנות געהאט אויף איהר, וואס זי איז אומגעקומען מיט אזא שרעקליכען טויט, אבער טיף אין הארצען האב איך געזעהן דערין א פארדינטע שטראף פון גאט. קיינער אין שטאט האט ניט פארגאסען קיין טרערען אויף איהר אומגליק, אויסער איהר נאהענטע משפחה.

— איך בין געזעסען שבעה צוויי טעג, ווארים דאן איז געקומען פסח און באלד נאך יום־טוב האב איך פאר־ענדיגט צו ליקווידירען מיינע געשעפ־טען, האב ארויסגענומען א פאספארט און כ'בין געפאהרען זיך זעגענען מיט מיינע צוויי שוועסטער. איך האב שוין ניט געדארפט זיך היטען און אויס־באהאלטען מיינע פלענער. איך האב באשלאסען דורכצופיהרען דעם פלאן, ניט קוקענדיג דערויף וואס איצט האב איך שוין ניט געדארפט אנטלויפען פון קיינעם. מיר איז אלץ געווען פאר־מיאוס'ט אין דער היים. איך האב געוואלט פארגעסען די פארגאנגענ־הייט און אנהויבען א ניי לעבען אין א נייעם לאנד.

— אנהויב מאי בין איך אפגע־פאהרען פון ווילנע צו דער גרעניץ. איך האב זיך שוין יענעם אוונט ניט געפיהלט מיט־אלעמען, אבער איך האב דערויף ניט געלעגט צופיל אכט, גע־מיינט עס איז די מידקייט פון די לעצ־טע טעג. איך האב געהאט א שיפס־קארטע פון ברעמען קיין יאהאנעס־בורג און כ'האב געמוזט אנקומען אין ברעמען אין צייט צו נעמען די שיף.

— ווען די באהן איז אנגעקומען קיין גראיעווע, האב איך שוין ניט גע־וואוסט וואס מיט מיר טוט זיך. איך האב געהאט הויכע היץ און כ'בין פאר־ברענט געווארען פון א העלישען פייער אין מיין קערפער. עטליכע פאסאזשי־רען אין וואגאן האבען גערופען דעם קאנדוקטאר. איך האב גערעדט פון היץ און האב אבסאלוט ניט געוואוסט וואו איך געפין זיך. מען האט מיך ארונטערגענומען פון באהן אין גראי־עווע. דער סטעישאן־מאסטער האט גערופען א דאקטאר, און יענער האט באלד פעסטגעשטעלט, אז איך האב אלע סימפטאמען פון טיפוס. מען האט מיך געמוזט זאפארט אריינלעגען אין א שפיטאל, און דער נאהענטסטער שפיטאל האט זיך געפונען אין שטשו־טשין, עטליכע ווערסט פון גראיעווע. און אזוי ווי מיין קראנקהייט איז גע־ווען אן אנשטעקענדיגע, האט דער דאקטאר מיך באלד אריבערגעפיהרט אין יענעם שפיטאל.

— ווי מען האט מיר שפעטער איבערגעגעבען, בין איך געווען מעהר אויף יענער וועלט ווי אויף דער וועלט. דריי וואכען האב איך געפיבערט מיט הויכע היץ, און ווען דער קריזיס איז געקומען און איך בין אריבערגעקו־מען די קרענק, בין איך געווען אזוי שוואך און אפגעצעהרט, אז כ'האב ניט געקענט אויפהויבען א האנט, שוין אפגערעדט פון אויפזעצען זיך אליין אין בעט. די דאקטוירים האבען זיך זעהר גוט באצויגען צו מיר, ווייל זיי זיינען געווען שטאלץ דערמיט, וואס איך בין געבליבען לעבען. קיי־נער האט זיך דערויף ניט גערעכט, אבער א דאנק מיין שטארק הארץ, בין איך אריבערגעקומען בשלום דעם קריזיס.

(ווייטערס — מארגען)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— מיר וואלטען געדארפט האבען א שעהנערע דירה — האט בעלא ארויסגערעדט דאס, וואס ס'איז גע־ווען אין איהרע געדאנקען. — אלע מופען איצט אויף דער וועסט־סאיד...

— וואס עפעס פלוצלינג מופען?

— איז סעם געווארען אומרוהיג. — עס איז גוט דא אויך. ווער דארף האבען די וועסט־סאיד?

— דו דארפסט ניט; און וואס דארפסטו יע?

און ווידער איהר קוק אויף איהם מיט ביטול, א קוק, וואס באליידיגט אזוי, וואס רייצט אויף, און דער סארקאסטישער שמייכעל איהרער. דעמאלט האט ער זיך צושריהען, סעם. עס האבען זיך פון זיין מויל געריסען ווערטער, וואס זיינען נאר איהם געקו־מען אויפ'ן זינען. בעלא האט גע־שריהען נאך העכער. זיי האבען איי־נע די אנדערע געזאגט זיך ביטערע רייד, אז עס זאל וואס מעהר וועה טאן. בעלא איז דערנאך ארומגע־גאנגען אן אנגע'ברוגז'טע א לאנגע צייט. און ביי סעם'ען איז פון דעם פארבליבען אן אומעט און א פוסט־קייט אין הארצען.

* * *

די גרויסע קריגערייען זיינען צווישען מאן־און־ווייב אלעמאל ארויסגעקומען צוליב זייער איינציג קינד, צוליב עלינאר'ן. עלינאר איז געוואקסען א שעהן, געראטען קינד. זי האט ארויס־געוויזען גרויסע פעהיגקייטען ביים לערנען זיך אין סקול, און געענדיגט יעדען טערמין מיט אויסצייכענונגען.

מיט א ציטערניש אין הארצען הא־בען זיי ביידע, בעלא און סעם, נאכגע־קוקט זייער קינד ווי עס וואקסט און בליהט, אזוי ווי עס בליהט א בוימעל אין זומער און גיסט זיך אן מיט זאפטען. די שטוב איז פאר זיי ליכ־טיג געווארען ווען עלינאר האט גע־געבען א קום אריין פון גאס. שעהן־געוויקסיג, מיט איהר קאפ געלאקטע האר; ברוין, מיט א שימער פון גאלד אין זיי, און א פנים וואס האט גע־גליהט מיט יונגער פרייד. טאטע־מאמע האבען ביידע, פון זייערע בא־זונדערע ווינקלען, זיך איינגעקוקט אין זייער קינד מיט פרייד און מיט אנגסט: וואס וועט פון איהר ווערען? וואס פאר א צוקונפט וועלען זיי פאר איהר בויען?

סעם האט פון אלעמאל עפעס מעהר צוטריט געהאט צו עלינאר'ס קינדער־שען הארצען. א שטייגער, אז זי האט געקראגען אין סקול גוטע „מארקס", האט זי די ערשטע זאך איהר טאטען דאס געגעבען צו וויסען.—פא! קוק!

— איז זי א פארפלאמטע צו איהם צוגעלאפען ווי נאר זי האט איהם דער־זעהן. סעם האט געזעהן ווי זיין טאכ־טער איז אזוי אויסגעוואקסען. אזא גרויסע און שעהנע מויד! ער האט זיך גארניט פארגונען איהר גוט אנצוקו־קען, ווי מורא־האבענדיג פאר עין הרע...

— דו ביזט דאך שוין באלד א האי־סקול מיידעל! — האט ער פון איהר אנגעקוואלען. און עלינאר האט זיך צו איהם געטוליעט.

בעלא האט גוט געזעהן ווי מיט'ן טאטען איז איהר קינד פרעהליכער ווי מיט איהר, — דער מאמען... און דאס האט איהר אזוי וועה־געטאן. זי איז געווען אייפערזיכטיג און אין דער שטיל האט זי זיך געגריזשעט די הארץ. טאטע און טאכטער זיינען גע־ווען גוטע פריינט. סעם האט ליב גע־האט זיין טאכטער נעמען אויף די קניע און רעדען צו איהר ווי צו א דערוואקסענעם מענשען, ווי ער וואלט וועלען זי זאל שוין וואס גיכער אויס־וואקסען גרויס, אז ער זאל האבען א פריינט אין שטוב...

פון אלע איהרע קינדערשע סודות האט עלינאר פריהער איהר טאטען דערציילט. מיט'ן חוש האט זי גע־וואוסט, אז ביים טאטען וועט זי א סך מעהר זאכען אויספירען. ער וועט ניט זיין צו איהר אזוי שטרענג ווי איהר מאמע. אז עלינאר האט זיך גע־וואלט עפעס קויפען, האט סעם באלד אריינגערוקט זיין האנט אין קעשענע און געגעבען איהר געלט ניט גע־צעהלט.

עס האט אפט פאסירט ווי בעלא איז געשטאנען אין קיך און צוגעגרייט דעם סאפער, און טאטע און טאכטער האבען דערווייל פארבראכט אין דעם אנדערען צימער. סעם האט עלינאר'ן דערציילט עפעס א קאמישע געשיכ־טע, אדער זיי האבען זיך וועגען עפעס געסוד'עט. בעלא האט געהערט זייער רייד און געלעכטער. אז זי איז אריינגעקומען אין יענעם צימער, זיי־נען זיי ביידע אנטשוויגען געווארען. זיי זיינען געווען ווי צוויי פארשווע־רער. בעלא'ן האט שטארק געגעבען אין הארצען. זי האט אינגאנצען גע־ציטערט פון פארדרוס, נאר אויף דער מינוט האט זי געמאכט זיך ניט־ווי־סענדיג:

— אפשר מעג איך אויך וויסען פון וואס איהר שושקעט זיך? — האט זי א זאג־געטאן מיט געמאכ־טער פרעהליכקייט. אין הארצען האט זי זיך גערעגט: „ער וויל איבערנע־מען דאס קינד אויף זיין זייט"...

און שפעטער האט דאס בעלא אויפ־געווארפען איהר מאן:

— וואס ארט איהם, אז ער פירט איבער דאס קינד. אז ביי איהם איז אלץ א שפיל און קיין זאך געהט איהם ניט אפ.

און באלד האט א קריג אויפגע־פלאמט צווישען מאן און ווייב. עלי־נאר, שוין ביי זיך אין צימער, האט געהערט דעם קריג, געוואוסט אז דאס איז צוליב איהר. ס'איז געווען מאר־נע ווי ביידע, דער טאטע און די מא־מע ווילען יעדערער זי איבערנעמען אויף זייער זייט. ביידע זיינען גוט צו איהר און זי קען ביי זיי אלץ אויס־פירען. אין דער זעלבער צייט פלעגט איהר א שרעק באפאלען. שרעק און אומזיכערקייט מיט איהר היים.

זי איז דאמאלט געווען פול מיט קאפריזען, פאר'עקשנ'ט און שלעכט. אז זי האט עפעס פארלאנגט, האט זי עס באלד געמוזט קריגען. זי האט זיך געקענט ווארפען און טופען מיט די פיס און ניט פאלגען וואס מען האט איהר געהייסען טאן.

בעלא האט זיך קיין עצה ניט גע־קענט געבען מיט איהר טאכטער. זי איז געווען פארצווייפעלט. זי האט פון עלינאר'ן א סך ערווארט. אז זי האט ניט געקענט ווירקען אויף איהר מאן ער זאל ווערען אן אנדער מענש, האט זי געהאפט אז מיט איהר קינד וועט זי קענען פירען ווי זי אליין פארשטעהט אז עס איז גוט. ווער דען, אויב ניט א מאמע קען לערנען איהר קינד מאכען די ערשטע טריט אין לעבען?

עלינאר האט יונג ארויסגעוויזען איהר אייגענעם ווילען און זי האט זיך דערווייטערט פון איהר מאמען. איהר האט זיך געדאכט, אז די מאמע היט איהר צופיל די טריט, זאגט איהר צופיל מיט וועמען זי זאל זיך חבר'ן און ווי זי זאל זיך אנטאן. זי פאר־לויפט איהר צופיל דעם וועג און לאזט איהר ניט אפ פון אויג. אויף בעלא'ס אלע רייד האט זי געהאט נאר איין ענטפער: „יעס, מאדהער. „אלראיט, מאדהער." — ניט הערענדיג וואס מען רעדט צו איהר. עלינאר איז דע־מאלט געווען פול מיט אייגענער אומ־רוה. געריצט פון איהר פריהער רייף־קייט האט זי געקענט אמאל אין מי־טען פון מאכען איהרע לעקציעס, זיך געבען א הויב־אויף און אן אומרוהיג זיך אוועקלאזען איבער'ן שטוב. זי האט געהאט א קליינעם צימער, וואס איז געווען אפגעטיילט נאר פאר איהר אליין. דארט איז געשטאנען איהר אייגענער „דעסק", א פיין־צוגעבעטע בעטעל איהרע, און אין א ווינקעל א בארג מיט איהרע אלטע שפילצייג: א פערדעל מיט אן אפגעריסענעם עק, א ליאלקע מיט אן אויסגעדרעהטער האנט, חיה'לאך און מאלפעס. עלי־נאר האט דעמאלט גערעדט צו איהרע „מענשען", אנגעשריען אויף זיי, ארויסגעשטעלט זיי א צונג, און אז זי איז געווארען גוט אין כעס, האט זי זיי צעווארפען איבער דער ערד, געטראטען זיי מיט די פיס. בעלא, די מאמע עלינאר'ס איז אנגעלאפען אן איבערגעשראקענע און אנגעקוקט איר טאכטער:

— וואס טוסטו דאס, עלינאר?

— אלראיט, אלראיט, — האט זי נאר דער מאמע'ן אפגעענטפערט.

ביי עלינאר'ן איז דעמאלט אפילו געווען א געפיהל פון טאן צו'להכעיס. זי האט הנאה געהאט פון טאן פונקט דאס פארקערטע ווי מען האט פון איהר פארלאנגט, און מען האט ניט געקענט איהר גארניט זאגען.

אזוי איז געווען מיט עלינאר'ס פיאנא־שפילען...

— עלינאר, זעץ זיך צו דער פיאנא. דו פארגעסט צו פראקטיסען.

— נא, מאדהער! — ענטפערט עלינאר.

— ניין? וואס מיינסטו ניין. פארוואס עפעס ניט פראקטיסען?

— ביקאז (דערפאר) — ענטפערט זי פאר'עקשנ'ט.

(ווייטערס — מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

בעלאַ האָט זיך אָפּגעגעסען דאָס האַרץ. עלינאָר האָט אַזוי זיך אויסגע־צייכענט אין פּיאַנאָ־שפּילען. זי האָט עס ליב געהאַט, און איצט האָט זי מיטאַמאָל אויפגעהערט שפּילען. מען צאָלט נאָר אומזיסט דעם פּיאַנאָ־לע־רער.

עלינאָר האָט ניט געקענט זאָגען דער מאַמען פאַרוואָס זי קען מעהר ניט שפּילען. זי האָט עס אויפגעהערט, ווייל די מאַמע האָט זיך מיט איהר שפּילען שוין צופיל בארימט. אומע־דום וואו זי איז געגאַנגען, האָט זי נאָר גערעדט פון דעם:

— מיין עלינאָר! איהר ווייסט כאָטש וואָס פאַר א טאַלאַנט זי איז!

עלינאָר האָט איהר געהערט אַזוי ריידען, האָט זי מיטאַמאָל געוואָרפען אַן אומ'חן אויפ'ן שפּילען אינגאַנ־צען, און זי האָט ניט געוואָלט מעהר צורירען זיך צו דער פּיאַנאָ. עס האָ־בען ניט געהאָלפען בעלאַ'ס בעטען זיך און דאָס צושטעהן צו איהר. אַז סעם איז פונקט דעמאָלט געווען אינ־דערהיים, האָט עלינאָר געזוכט איהר טאַטען'ס בליק, ווי זוכענדיג ביי איהם ער זאָל זיך פאַר איהר אננעמען, און סעם האָט דאָס ניט פאַרפעלט צו טאָן:

— לאָז צורוה עלינאָר'ן, זי וועט שפּילען ווען זי וועט אליין וועלען.

— די מיידעל האָט טאַלאַנט — האָט בעלאַ זיך געערגערט — מ'דאַרף העלפען ארויסברענגען אין איהר דעם טאַלאַנט וואָס זי פאַרמאָגט.

„ארויסברענגען אין עלינאָר'ן איהר טאַלאַנט?"—פאַר סעמ'ן זיינען דאָס געווען צו־הויכע רייד. א מין פליהען אין דער לופטען. ווען עס ווענדט זיך אַן איהם, וואָלט ער זיין עלי־נאָר'ן געלערענט ווי צו פאַרשטעהן מערער די וועלט, דאָס לעבען, צו האַלטען די אויגען אָפען. ווען ער קען, וואָלט ער אין איהר אריינגעגעבען אַזעלכע כוחות, אַז זי זאָל זיין צוגע־גרייט צום האַרטען און שווערען לע־בען...

בעלאַ האָט דעמאָלט אַן אויפגע־רייצטע באַשולדיגט איהר מאַן, אַז ער נעמט אַליץ צו־גרינג, אַז איהם אַרט ניט פאַר זיין ווייב און ניט פאַר זיין קינד, און אַז ער מאַכט איהר, בעלאַ'ן, פאַר דער שלעכטער אין דעם קינד'ס אויגען. און סעם איז שוין געווען גוט אין כעס און ער האָט זיך צושריען אַז זי האַנדעלט פונקט ווי אַן ארויפגעאַרבייטע גביר'טע. אַליץ איז ביי איהר נאָר פּוץ און באַרימע־ריי, נאָר צו אויספּיינען זיך פאַר לייטען, אָהן אמת'ען געפיהל, אָהן נשמה.

און לאַנג האָבען זיי זיך אַזוי גע־קריגט, געזאָגט זיך איינע דער אַנדע־רער ווערטער וואָס זאָלען וואָס שטאַר־קער וועה־טאָן... אַליץ, וואָס עס האָט זיך ביי זיי ביידען אָנגעקליבען פאַר יאָהרען... עוולות באַגאַנגענע... פאַר־דרוסען...

דערנאָך זיינען זיי ביידע מיט אמאָל אַנטשוויגען געוואָרען, און אַ ברוגז האָט זיך גענומען וועבען צווישען זיי ביידען. אַ פּיינליכע שטיל־שווייגע־ניש האָט זיך ווי א כמאַרע אַראָפּגעלאָ־זען איבער זיי. און זיי האָבען זיך צו דעם געבויגען, ווי צו אַן אונפאַרמייד־ליכען גורל.

טעג האָבען זיך געצויגען. עלינאָר האָט די משונה'דיגע שטילקייט גע־פיהלט אין איהרע ביינער. ס'האָט פאַרדריקט איהר יונגע האַרץ. א סך מאָל האָט זיך איהר געגלוסט צופאַ־לען צו איהר טאַטען, אויסשרייען — פּאַ! — זאָל ער איהר אויפקלערען פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, נאָר זי האָט עס ניט געקענט טאָן און זי איז דע־מאָלט אַליין אויך אַריין אין א שוויי־געניש.

## קאַפּיטעל 3

בעלאַ האָט געקענט זיין ליב און אַנגענעם אַז עס האָט זיך איהר גע־מאַכט צו דעם אַזאַ מינוט. אַזוי אויך איז געווען סעם ריווקין. ער איז דאָך פון נאַטור געווען א גוטער פאַמיליען־מאַן.

און אַט האָט זיך געמאַכט אמאָל אַז די לאַנדסמאַנשאַפט וואו סעם האָט באַלאַנגט, האָט גענומען א „בענעפיט" אין אידישען טעאַטער. סעם האָט גע־קראָגען צוויי בילעטען, און ער און זיין ווייב זיינען „אויסגעגאַנגען" פאַרברענגען. בעלאַ האָט זיך צו דעם אָוונט לאַנג געגרייט. זי האָט אַנגע־קרייזט די האָר, אָפּגעפאַרבט די נע־געל, זיך אָנגעטאָן אין א שעהנע קלייד און א מאָדישע היטעלע. זי האָט אויסגעקוקט א לעידי.

בעלאַ האָט זיך געקענט באַווייזען צווישע מענשען אין א גוטען ליכט, און סעם האָט דאַמאָלט א טראַכט גע־טאָן: „אין דער אמת'ן, וואָס האָט ער צו איהר, צוליב וואָס קריגען זיי זיך ארום?" דעמאָלט האָט זיך געדוכט ווי אַליץ איז פאַרגעסען געוואָרען. שפּעטער, אַז זיי זיינען געקומען אהיים, האָט בעלאַ געמאַכט טיי. זי האָט זיך ארומגעדרעהט איבער דער קיך נאָך אין דעם שעהנעם שוואַרצען קלייד, נאָר אַרויפגעוואָרפען אויף זיך א העלען פאַרטוך. איהרע שאַרפע אוי־גען האָבען היינט געקוקט מילדער. דער פּנים פאַררויטעלט. זי האָט אויסגע־זעהן חנ'עוודיג־שעהן. סעם, נאָך א געוואָרעמטער פון דער פאַרשטעלונג אין טעאַטער, האָט א קוק געגעבען אויף זיין ווייב:

— דאָס איז א נייע קלייד וואָס דו טראָגסט איצט?

— א נייע קלייד! — האָט בעלאַ א לאַך געטאָן. — ס'איז שוין דאָס דריטע יאָהר. איך האָב עס נאָר „צו־געפּיקסט" עס זאָל אויסזעהן ניי.

זי איז געווען צופרידען, בעלאַ. אבי זי האָט געמיינט, אַז איהם אַרט גאָר ניט ווי זי קוקט אויס און וואָס זי געהט אָנגעטאָן. ביי זיך האָט זי גע־געבען א טראַכט: „ווען ער וואָלט נאָר געווען א מענש, וואָלט דאָך אַליץ געקענט זיין גוט."

זיי זיינען געזעסען אין קיך און גע־טרונקען טיי. און אין זייער ריידען איז געווען א סך גוטסקייט פון איי־נעם צום אַנדערען, אַזוינס, וואָס ביי־דע האָבען שוין לאַנג ניט געפיהלט. ס'איז געווען כמעט ווי אין די ערשטע יאָהרען נאָך זייער חתונה, ווען זיי האָבען זיך ליב געהאַט, און איינע צו די אַנדערע געגלוסט.

יענע גאַנצע וואָך איז שוין געווען א גוטע. די מיידעל, עלינאָר, האָט דאָס אויך באַלד דערפיהלט, און פון דער איצטיגער געמיטליכקייט אין שטוב איז איהר אַליין אויך געווען גוט. עלינאָר האָט זיך געהאַט איהרע סמנים ווען אַזוינס האָט פּאַסירט. דאָס זיינען געווען דעם טאַטענ'ס „סליפּערס" (שטעק־שיך). אויב די „סליפּערס" האָבען זיך געפונען אין דער מאַמע'ס צימער, לעבען דער גרוי־סער בעט — איז געווען גוט. ווען שלעכט, האָט דער טאַטע זיך געמאַכט זיין געלעגער אין „ליווינג־רום" אויף דער קאַנאַפּע, און דעמאָלט האָבען די סליפּערס זיינע דאָרט אויך זיך גע־פונען...

צום סעם ריווקינ'ען אין שטוב זיי־נען אָפט געקומען מענשען. די פריינט זייַנע פון דער יוניאָן, צי פון זיין לאַנדסמאַנשאַפט, און בעלאַ האָט זיי דעמאָלט אויפגענומען וואַרעמער ווי־ווען־עס־איז. זי האָט געשטעלט פאַר זיי כיבוד און געמאַכט טיי. מען איז געזעסען ארום טיש און א שמועס איז באַלד איינגעפעדימט געוואָרען.

געווען צווישען סעמ'ס פריינט אַזעלכע מיט גרויע קעפּ און פול מיט קלוגשאַפט, קלוג מיט דער רייפקייט פון יאָהרען, און זיי האָבען זיך גע־גרונטעוועט אין כלל־פּראַגעס און אין פּאָליטיק. מען האָט אַנגעריירט דעם באַציאַליזם און פּרעזידענט רוזוועלט. זיי האָבען אַליץ געוואוסט. און סעם אַליין האָט געקענט פּאַנאַנדערנעמען אַזאַ ענין קלאָר און שכל'דיג. ער האָט עס געהאַט אויף די שפּיץ־פינגער. א דערוואַרעמטער האָט דעמאָלט זיין פּנים געלויכטען מיט הנאה. וואָס טיפער דער ענין, אַליץ גרעסער די הנאה.

פאַרגעסען איז דעמאָלט געוואָרען דאָס טעגליכע, דאָס וואָכעדיגע, מיט דעם שאַפ און אַליץ. אימיצער פון סעמ'ס פריינט האָט זיך אָפּגערופען דעמאָלט צו בעלאַ'ן: — וואָס זאָגט איהר צו אייער מאַן? מיט אַזאַ קאָפּ האָט ער געמעגט זיין אפילו א פּראָ־פעסאָר אין א קאָלעדזש.

בעלאַ האָט געזעהן איהר מאַן א סך מאָל אַזוי צעהיצען זיך, און יעדען מאָל האָט זי ביי זיך געטראַכט, אַז דאָס זיינען נאָר רייד, שעהנע רייד, וואָס קומט פון דעם גאַרניט ארויס און קיין נוצען האָט מען ניט פון דעם, און זי האָט זיך אָפּגערופען מיט איהר שטענדיגען זיכערען טאָן:

— וואָס האָט ער פון דעם? וואָלט ער כאָטש קריגען באַצאָלט...

דאָס איז געווען געזאָגט האַלב אין שפּאַס, נאָר סעמ'ען האָט עס גוט פאַר־דראָסען. — „זי איז שוין דאָ מיט איהרס", — און ווי אויף צו'להכעיס, האָט זי נאָך באַלד צוגעגעבען: — ווען ער פאָלגט מיך, וואָלט ער שוין היינט געהאַלטען ווייט.

סעמ'ען האָט עס א טראַג געטאָן אין דער לופטען. וואָס איז זי דאָ אויי־סען? וואָס וויל זי האָבען? איר קול, איהר זעלבסטזיכערקייט. ער האָט זיך דערפיהלט ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַ־לען. עס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָ־רען ביים טיש. סעם האָט זיך דער־פיהלט פאַרשעמט. א פאַרדראָסיגער האָט ער געגעבען א זאָג א־רויס:

— מיין ווייב, זי איז זעהר א קלו־גע פרוי, א פעהיגע...

(ווייטערס מאָרגען.)

# די געבערס און די נעמערס

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

זאַמלען געלט אויף ארויסצוגעבען זיין בוך?

אונזער מיינונג איז, אַז ער מעג עס טאָן אין צוויי פאַלען.

ערשטענס, ווען ער איז אין א בי־טערער נויט, ער איז קראַנק, אַלט, אָהן א שטעלע און דאָס פאַרקויפען זיין בוך דערהאַלט איהם ביים לעבען. דאָס מאָל טוט ער א ריכטיגע זאַך און עס איז א גרויסע מצוה איהם צו העלפען אפילו ווען זיין ווערק איז נישט אַזוי גוט.

צווייטענס, ווען עס איז ווירקליך א ווערק, וואָס דער שרייבער און אַנ־דערע אָביעקטיווע מענשען האַלטען, אַז עס וועט זיין נוצליך פאַר דעם אידישען פאָלק, פאַר דער אידישער קולטור, עס זאָל ערשיינען. נאַטירליך, קען דער מחבר אַליין נישט זיין דער שופט. דאָס מוז באַשטימט ווערען דורך א פאַראַנטוואָרטליכע אינסטיטוציע, דורך מענשען, וואָס זייער וואָרט האָט א וואָג.

דער פאַקט אַליין וואָס א שרייבער האָט חשק זיין ווערק זאָל ערשיינען, באַרעכטיגט איהם נישט, לויט אונ־זער מיינונג, צו בעטען הילף. עס שטעהט אין ערגעץ נישט געשריבען, אַז אַליץ וואָס א מחבר שרייבט, מוז ערשיינען אין דרוק. עס לוינט נישט צוליב דעם צו אַפּעלירען צו מענשען זיי זאָלען שבען. דער שרייבער, וואָס נעמט געלט פאַר אַזאַ צוועק, נעמט פאַר א פּערזענליכען ענין. דער ענין הילף, צדקה, ווערט דאָ מיסגעברויכט.

מענדעלע מוכר ספרים, וואָס איז געווען א גרויסער קענער פון אידישען לעבען אין זיין צייט, האָט ביי פיל געלעגענהייטען געשריבען, אַז די פּושקע איז א קללה, אַן אומגליק אויף אידען. ער האָט עס ווידערהאָלט ביי פיל געלעגענהייטען. ער האָט עס זי־כער נישט געטאָן ווייל ער איז געווען אייפערזיכטיג אויף די געלט־זאַמלער. ער האָט עס געטאָן דערפאַר, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז קיין זאַך מאַכט נישט מענשען אַזוי מיאוס ווי בעט־לעריי. דער מענש, וואָס געוואוינט זיך צו נעמען, פאַרלירט מיט דער צייט די שעהנע מידה פון בושה, ער הויבט אַן קוקען אויף יעדען מענש פון איין שטאַנדפּונקט: וועט ער געבען? און וויפיל קען מען ביי איהם ארויסקריי־גען? שנאָרעריי נעמט צו פון מענער די מענליכקייט, די ווירדע און גאַנץ אָפט אויך די עהרליכקייט. די גמרא זאָגט, אַז דער וואָס נעמט צדקה כאָטש ער דאַרף נישט, ווערט פאַרשאַלטען דערמיט, אַז ער וועט נעמען צדקה אויס ריכטיגער נויט.

עס איז פאַראַן א גלויבען, אַז פאַר־צייטיגע אידען זיינען געווען שנאָ־רער. עס איז שקר וכזב. גרויסע גאָו־נים, גרויסע רבנים, פּוסקים, מפורשים האָבען געלעבט אין ביטערער עלענט און נישט געוואָלט נעמען קיין נדבה, קיין מתנה. אידישע אָרימעלייט וואָס האָבען נישט געהאַט אויף שבת פּלעגען אָפט קאָכען אויף דער קיך טעפּ וואַסער, מען זאָל מיינען, אַז זיי גרייטען צו דעם שבת, און מען זאָל פאַר זיי נישט צונויפנעמען קיין געלט. פיל לומדים האָבען אפילו נישט גע־וואָלט אננעמען קיין רבנות, ווייל א רב געניסט פון קהל. אין די אידישע שטעטלעך האָט מען בלויז געשטיצט די סאַמע אָרימסטע: די קאַליקעס, די יענוגע, וואָס האָבען ממש נישט גע־האַט קיין שטיקעל ברויט, אַדער קליי־נע קינדער, וואָס זיינען געבליבען יתומים. מיר אַלע געדענקען וואָס פאַר א טומעל עס פלעגט ווערען ווען מען האָט שבת גענגעבען א קלאַפּ אין טיש און גערופען, אַז דער און יענער בעל־הבית איז נעבעך אין נויט. א טויטע שטילקייט איז געוואָרען. דאַן האָט אויסגעבראָכען א שטורעם. די נאָהענ־טע פון דעם בכבוד'יגען אָרימאַן האָ־בען געפיהלט, אַז עס געשעהט יענעם א גרוים אומגליק: מען מוז פאַר איהם צונויפנעמען. עס איז געווען פאַר די מענשען א קלאַפּ, וואָס מען האָט לאַנג, לאַנג נישט פאַרגעסען.

פאַרגלייכט מען דאָס מיט דער לייכטקייט מיט וועלכער היינטיגע אי־דען שטרעקען אויס די האַנט און מיט וואָס פאַר א בראַוואַדאַ מען שנאָרעט אויף אַלערליי צוועקען, — הויבט מען אַן צו פאַרשטעהן מענדעלע'ס כעס אויף דער פּושקע. די מאָדערנע פּוש־קע איז פיל פיל ערגער פון דער פאַר־צייטיגער.

עס פלעגען אַמאָל ארומפאָרען מחברים נאָך פּרענומעראַנטען, נאָך אַבאָנענטען אויף זייער ספר. איז ער־שטענס, האָט אַזאַ מחבר געמוזט האָ־בען אַן הסכמה פון עטליכע רבנים. צווייטענס, האָט ער גענעכטיגט אין בית־מדרש, אַדער א בעל־הבית האָט איהם גענומען נעכטיגען. דריטענס, האָט מען טאַקע אויף איהם געקוקט ווי אויף א שנאָרער. אין פיל פאַלען איז דער איד נעבעך געווען אויף גרוי־סע צרות. ער איז געווען אין ביטע־רער נויט.

וואָר אַנדערש איז ווען א מענש קומט שנאָרען אין א שעהנעם אַנצוג, און שטעהט ־ איין אין א גוטען האָ־טעל, און שנאָרען שנאָרעט ער פאַר זיך, פאַר די אייגענע אַמביציעס. עס איז נישטאָ פאַר דעם קיין שום באַרעכטיגונג.

דער שרייבער האַלט, אַז עס מוז גע־שאַפען ווערען א קאַנטהאַל אויף דער אידישער גאַס. עס מוז געשאַפען ווע־רען אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל אריינ־עמען פאַרשטעהער פון פאַרשידענע וועלטשאַפטליכע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, און אַט־די געזעל־שאַפט זאָל באַשטימען וועלכע צווע־קען עס זיינען נויטיג, און אויך קאָנ־טראָלירען וואָס מען טוט מיט דעם געלט. ווי לאַנג דאָס געשעהט נישט, איז דער ענין מאַכען געלט ביי אידען פאַרבונדען מיט א סך הפקרות. מיר האָבען אין דער צייט פון היטלער־חורבן געהערט, אַז טויזענטער אי־דען זיינען אומגעקומען נאָר דערפאַר, ווייל עס האָט „געפעלט געלט זיי צו ראַטעווען." די יעניגע, וואָס האָבען געזאַמעלט, האָבען אָפט דעם גרעסטען טייל געלדער פאַרנוצט פאַר זיך, פאַר די אומצאָליגע אָפיסעס און באַאַמטע. עס איז פאַקטיש קיינער נישטאָ ווער עס זאָל קאָנטראָלירען אונזערע „פאַנד־רעיזערס". קיינער ווייסט נישט וואָס מען טוט מיט די געלדער און ווי אַזוי זיי ווערען פאַרנוצט. געוויס, די געבער האָבען א גוטע כוונה. וועגען דעם קען נישט זיין קיין רייד. אָבער עס וואַקסען די צאָל נעמער און עס וואַק־סען זייערע אַפּעטיטען. געוויסע אינ־סטיטוציעס, וואָס האָבען שוין לאַנג אויפגעהערט צו דינען דעם פאָלק, עק־זיסטירען נאָר דערפאַר, ווייל די באַ־אַמטע ווילען נישט פאַרלירען זייערע שטעלעס. מען קאָנקורירט צווישען זיך ווי די קרעמער, און די בושה האָט מען אינגאַנצען פאַרלוירען.

אַנומלעט איז געקומען צו דעם שרייבער א יונגערמאַן און ער האָט איהם דערצעהלט, אַז אַזוי ווי ער האָט חשק געהאַט צו זעהן קאַליפאָרניע, האָט ער זיך ארויסגעלאָזט איבער'ן לאַנד מיט זיין בוך לידער. אידען האָבען געגעבען פאַר זיין בוך פינ־פערלער, צעהנערלער און פינף־און־צוואַנציגערס. אַזוי אַרום האָט ער גע־זעהן קאַליפאָרניע און נאָך פאַראיבער־ריגט א פאַר דאָלער. ער האָט עס דערצעהלט ווי עס וואָלט געווען א נאַ־טירליכע זאַך. מיר האָבען איהם באַ־טראַכט. ער איז א געזונטער יונגער־מאַן. עס איז ניטאָ קיין שום סיבה פאַרוואָס ער זאָל נעמען צעהנערלעך און פינף־און־צוואַנציגערס. עס איז נישטאָ קיין שום סיבה פאַרוואָס א מענש אין זיינע יאָהרען זאָל זיך נישט שעמען מיט אַזאַ טאַט. ער איז פּשוט א קרבן פון א פינסטערער דעמאָראַ־ליזאַציע, וואָס האָט ארומגעכאַפּט געוויסע קרייזען.

מיט א צייט צוריק האָט דער שריי־בער געהערט, אַז איינער איז געפלוי־גען קיין ארץ ישראל וועגען אַן ענין, וואָס איין גאָט ווייסט, אַז ער האָט דאָס געקענט ערלעדיגען דורך א בריף. געלט, וואָס איז געגעבען גע־וואָרען פאַר ציון, פאַר צדקה, פאַר הילף, איז געשאָנקען געוואָרען א מענש, וואָס נישט ער דאַרף הילף און נישט ער האָט געדינט ציון.

ווען מ'וואַרפט זיך אַזוי מיט קהל'יש געלט, איז נישט קיין וואונדער וואָס וויפיל מיליאָנען מען זאָל נישט מאַ־כען, איז אַליץ צו־ווייניג.

מיר קענען, צום באַדויערען, נישט אריינגעהן ברייטער אין די ענינים. עס פאָדערט זיך אַן אַלזייטיגע אויס־פאָרשונג. אָבער עס איז שוין די העכ־סטע צייט, אַז אידען זאָלען זיך מיט דעם אינטערעסירען. די שעהנסטע מידה אונזערע, די צדקה, ווערט פאַר־וואַנדעלט אין א פּושקע, א מיאוס־קייט, א פלעק אויף אונזערע מנהיגים.

ווען דער גרעסטער מנהיג אונזע־רער, משה רבינו, איז געווען אין א שטימונג צו רעדען וועגען זיך אַליין, האָט ער געזאָגט בלויז איין זאַך: ער האָט קיינמאָל גאָרנישט ביי קיי־נעם גענומען, נישט קיין אָקס, נישט קיין אייזעל. דאָס איז געווען פאַר משה'ן דער העכסטער באַווייז פון עהרליכער פירערשאַפט.

דאָס דאַרף געדענקען יעדער אידי־שער פירער, יעדער אידישער טוער, שרייבער. מיר האָבען א גוטען מוס־טער.

# אַטאָם־באָמבעס און שפּיאָנען

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

דער נ. ק. וו. ד. און דער „פערטער אָפּטיילונג" פון קריגס־קאָמיסאַריאַט אין מאָסקווע געהאַט א גרויסע קאָנ־פערענץ וועגען דער פּראַגע. עס איז באַטראַכט געוואָרען יעדע מעגליכקייט צו קריגען אינפאָרמאַציע: דאָרט האָ־בען מיר א גרויסען פיזיקער, וואָס איז אונזערער א מענש, און וואָס לויט זיינע וויסענשאַפטליכע פעהיג־קייטען וועט ער וואַרשיינליך האָבען א שייכות צו אַטאָמען־פאָרשונג. און אַט דאָ האָבען מיר א באַוואוסטען מאַטעמאַטיקער, וואָס וועט אפשר באַקומען אינפאָרמאַציע פון זיינע וויסענשאַפטס־פריינט. אַזוי ווי ער איז ניט אינגאַנצען אונזערער א מענש, וועלען מיר אין צייט זיך פאַר־בינדען מיט זיין סעקרעטאַר. קענען מיר איהם קריגען אַדער קויפען? גע־מאַכט א נאָטיץ און געשיקט אהין א ספּעציעלען מענשען. און דאָ האָבען מיר אין לאָנדאָן א גרופּע יונגע פיזי־קער, פעהיגע מענשען. לאָמיר א פאַר פון זיי באַצייטענס אריינגעמען אין די הענט. און אין דער שווייץ האָבען מיר אַן אינזשינער, וואָס וואָס איז א פריינט פון אַזאַ און אַזאַ — א וויכ־טיגער מענש, ער קען צוניץ קומען. זאָל מען זיך מיט איהם פאַרבינדען. און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. איך בין דערביי ניט געווען ווי זיי האָבען זיך באַראַטען, אָבער די מע־כאַניק איז פאַר מיר קלאָר, ווייל איך האָב וועגען ענליכע זיצונגען אין אַנ־דערע ענינים געהערט ניט איינמאָל.

**

די יונגע מענשען וואָס מען גרייט־צו צו זייער צוקונפטיגער „טעטיגקייט" קריגען גענויע אינסטרוקציעס ווי אַזוי זיי זאָלען זיך באַנעמען און ווי אַזוי זיי זאָלען האַנדלען. אויב קלאַוס פוקס איז טאַקע געווען א סאָוועטישער אַגענט זינט 1939, דאַן האָט מען איהם געהייסען ניט מישען זיך אין קיין שום פּאָליטיק, ניט טרעפען זיך מיט קאָמוניסטישע יונגעלייט, באַנע־מען זיך זעהר רעזערווירט און קאַלט, ניט פירען קיין דיסקוסיעס, האַלטען זיך ווי אַן עכטער געלערנטער וואָס איהם אינטערעסירט בלויז זיין ווי־סענשאַפט. א קליינע וויסענשאַפטליכע ארבייט האָט ער שוין דעמאָלט געהאַט, אַזוי אַז פון וואָס צו לעבען האָט ער געהאַט. (דערייבער גלויב איך ניט דעם באַריכט, אַז ער איז געווען א ב אַ צ אַ ל ט ע ר אַגענט). וואָרים עס וואָלט געווען זעהר ניט פאַרזיכ־טיג איהם צו געבען געלט, אַזוי אַז די ענגלישע פּאָליציי זאָל זיך פאַר־אינטערעסירען מיט דער פּראַגע, פון וואַנען באַקומט א פליכטלינג מעהר געלט ווי ער פאַרדינט מיט זיין „סקאָ־לערשיפּ"?

נ., נאָך דעם ווי ער האָט אַזוי אָפּ־געלעבט דריי־פיר יאָהר, איז זיין רע־פּוטאַציע ביי דער פּאָליציי און „אינ־טעלידזשענטס" געווען זעהר א גוטע: באַשיידען, צוריקגעהאַלטען, ניט פּאָ־ליטיש, קיינע שום פאַרבינדונגען מיט קאָמוניסטען אַדער מיט דייטשע קריי־זען, בלויז א פאַר אַנשטענדיגע באַ־קאַנטע — וואָס דאַרף מען נאָך א בעסערען מענשען פאַר אַזאַ דזשאָב?

און אַזוי האָט קלאַוס פוקס, דער סאָוועטישער אַגענט, באַקומען צוטריט צו דער גרעסטער געהיימנים פון דער וועלט — דער אַמעריקאַנער אַטאָמי־שער באָמבע. פאַר קיינע מיליאָנען וואָלט די סאָוועט־רעגירונג ניט גע־קאָנט קויפען אַט דעם סוד, אויב זי גרייט ניט צו שוין אין 1939 דעם יונגען קלאַוס צו זיין שפּעטערדיגער ראָלע. און פוקס, אויב ער איז אַן איבערצייגטער קאָמוניסט, וועט רוהיג אננעמען די צעהן יאָהר פּריזאָן וואָס ער קען קריגען. האָט ער ניט געראַ־טעוועט דאָס „פאָטערלאַנד פון אַלע אַרבייטער" פון אַמעריקאַנער אימפּע־ריאַליזם? האָט ער ניט פאַרגיכערט די סאָוועטישע באָמבע מיט א פאַר יאָהר? - וואָס זיינען אַזאַ פאַר יאָהר ווערט פאַר דער סאָוועט־יוניאָן אין אַזאַ מאָמענט?! דאָס קען מען אפילו מיט ביליאָנען ניט אָפּצאָלען! שוין דאָס אַליין, וואָס די סאָוועט־רעגירונג האָט צוליב דעם באַקומען די מעגליכ־קייט — ניט מורא האָבענדיג פאַר אַן אַטאָם־קריג — איינצונעמען כינע איצט, אין 1949, אַנשטאָט צו זיין געצוואונגען צו וואַרטען ביז 1952, איז א געוואַלטיגע דערגרייכונג. די גאַנצע וועלט־געשיכטע האָט זיך פון דעם געענדערט.

און אויב די סאָוועטישע אַגענטען האָבען באַוויזען אריינצושמוגלען אַן אַגענט וואָס זאָל זיי געבען אינפאָרמאַ־ציע וועגען דער נייער האידראָדזשען־באָמבע — קען זיך דען אימיצער פאָרשטעלען וואָס דאָס באַדייט פאַר סטאַלינ'ען און פאַר דער וועלט?!

אויב טשוירטשיל איז געווען גע־רעכט, ווען ער האָט געזאָגט נאָך מיט צוויי יאָהר צוריק, אַז אונזער גאַנצע סיסטעם פון פרידען האַלט זיך איינ־שליסליך אויף דער אַטאָמישער באָמ־בע, דאַן קען מען זיך פאַרשטעלען וואָס עס באַדייט פאַר דער סאָוועט־רעגירונג צו האָבען א מענשען דאָרט, וואו מען ווייסט וועגען דער נייער באָמבע?!

אַט דאָס איז דער צווייטער פּונקט, וואָס שיידט אָפּ דעם סאָוועטישען אַטאָ־מען־שפּיאָנאַזש פון די אַמאָליגע „נאָר־מאַלע" שפּיאָנאַזשען. לאָמיר נעמען אפילו דעם סאַמע שווינדעליכען פאַל פון די אַלטמאָדישע שפּיאָנאַזשען — מען האָט ביי דער צווייטער מלוכה ארויסגעגנב'עט די צייכענונגען פון א נייעם קאַנאָן אַדער פון א נייער קריגס־שיף, אַדער אפילו א קאָפּיע פון דעם מאָביליזאַציע־פּלאַן. וואָס וואָלט געווען דער רעזולטאַט אין פאַל פון א מלחמה? גאָר א קליינער. וואָס וואָלט ניט געהאַט קיין שום ווירקליכע באַדיי־טונג פאַר דעם אויסגאַנג פון מלחמה. אָבער שטעלט זיך פאָר, די סאָוועטען האָבען אַן אייגענעם אַגענט אין יענער ספּעציעלער גרופּע פון דער אַמעריקאַ־נער אַוויאַציע, וואָס וועט זיך פאַרנעמען מיט אַראָפּוואַרפען אַטאָמישע באָמ־בעס. עס דאַרף גאָר ניט זיין קיין פּאַי־לאָט אַדער בכלל אַן אָפיציר פון דער אַוויאַציע, עס איז גענוג צו האָבען א כלה פון איינעם פון זיי, אַדער די פריינדין פון א כלה, אַדער דעם באַי־פרענד פון א קעכין אין זיין הויז.

אַזוי גיך ווי דער פּאַילאָט לאָזט וויסען, אַז ער קען ניט קומען אהיים צוליב א וויכטיגער מיסיע, אַדער גיט זיין פרוי א טעלעפאָן־קלונג, אַז ער וועט ניט נעכטיגען אין דער היים, ווייסט די סאָוועטישע אַגענטור, אַז עפּעס קומט פאָר. און דאַן האָט די סאָוועטישע אַוויאַציע, אויב סטאַלין הייסט, די מעגליכקייט צו זיין די ער־שטע וואָס וועט אַראָפּוואַרפען די באָמ־בע. עס איז איבעריג צו זאָגען, וואָס פאַר א געוואַלדיגע באַדייטונג אַזוינס קען האָבען פאַר דער מלחמה, אויב אַזאַ מלחמה זאָל קומען. עס איז דער־ריבער אייזערנע לאָגיק צו דענקען, אַז די סאָוועטישע שפּיאָנאַזש־מאַשין האָט שוין מיט א צייט צוריק זיך באַזאָרגט מיט אַן אַגענט אַט אין יענעם פּונקט, וואו מען קען דערגעהן וועגען די באַ־וועגונגען פון דער אַטאָמען־אַוויאַציע און מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזען, אַז זיי קענען די מלאכה.

וועט אימיצער זאָגען: אויב זיי קע־נען אריינזעצען ביי אונז שפּיאָנען, טאָ פאַרוואָס זאָלען מיר ניט קענען מאַ־כען דאָס זעלבע ביי זיי? אָבער אַזאַ פראַגע איז צו־נאַאיוו, מען זאָל אויף איהר דאַרפען ערנסט ענטפערן.

# אַ ריינינגער פאַר'ן הויז מיט אַ טאָפּעלטער מעלה

נעוועהנליך, אַז מען קויפט א ריינינגער פאַר דעם הויז, צי דאָס איז א פּאָודער אַדער וואָס עס זאָל ניט זיין — איז מען צופרידען ווען עס טוט בלויז ארבייט צופרידענ־שטעלענד. אָבער ווען מען קען קריגען א ריי־ניגער, וועלכער טוט א טאָפּעלטע ארבייט, איז עס אוודאי א ווערטפולע זאַך, פון וועל־כער יעדע באַלעבאָסטע דאַרף וויסען. אַזאַ ריינינגער איז דער באַריהמטער עידזשעקס. וועלכער איז שוין געוואָרען דער ליבלינג אין אידישע היימען.

עידזשעקס האָט א וואונדערבאַרע שוימענ־דיגע ווירקונג. דאָס מיינט, אַז די ווירקונג איז אַזאַ, וואָס עס רייבט אָפּ שמוץ און עס שניידט אויך פעטס. אויף אַזאַ אופן קומט אַליץ ארוים ציכטיג ריין ווען עס ווערט גע־שייערט מיט עידזשעקס.

די צווייטע מעלה פון דעם דאָזיגען פּראָ־דוקט איז דאָס, וואָס א דאַנק דער אויסער־געוועהנליך שנעלער און פּאָזיטיווער ווירקונג פון דעם ריינינגער, איז די ארבייט גאָר א סך לייכטער און שנעלער. פרויען, וועלכע האָבען נעוצט אַלטמאָדישע ריינינגערס און זיינען איבערגעגאַנגען צו עידזשעקס, האָבען אונז דערצעהלט, אַז זיי זיינען ממש איבער־ראַשט געוואָרען פון דעם, ווי גרינג דאָס ריינינגען איז זיי אָנגעקומען.

עידזשעקס קען געברויכט ווערען ניט בלויז פאַר די אַזוי־גערופענע שווערע ארבייט פון ריינינגען די פלאָרס, געהילץ, און אַנדערע זאַכען, נאָר אויך פאַר וואַשען טעפּ און כלים. עידזשעקס איז כשר און פּאַרעווע. איין קען איז דער קיך איז גוט פאַר אַלע כלים. א צווייטע קען אין דער באַטהרום וועט אייך שפּאָרען כסדר צו טראָגען די קען פון איין אָרט צום צווייטען. פּרובירט עס נאָך היינט. קריגט א קען עידזשעקס ביי אייער גראָסער און איהר וועט מסכים זיין, אַז קיין בעסע־רען פריינט ווי עידזשעקס איז ניטאָ פאַר דער באַלעבאָסטע, וואָס וויל האַלטען איהר היים ציכטיג־ריין. (*



## וואָס אַלע אידען דאַרפען וויסען

געשריבען פון אידישער מורה דרך (וועג ווייזער) הרב שמואל אהרן רובין, פּאַ־זיצער פון „אידישען אַמעריקאַנער באָאַרד שלום צדק", ניו יאָרק

הערט אונזערע אינטערעסאַנטע און וויכטיגע „אַדיאָ־פּראָגראַמען:
זונטאָג, 3:30 נ.מ. (1190 קיל.) SUNDAY, 3:30 P. M. WLIB
אידיש אַמעריקאַנער באָאַרד שלום וצדק, ניו יאָרק
אַנדערע פּראָגראַמען:

| | | |
|---|---|---|
| MONDAY, 1:30 P. M.—WEVD | (1330 Kc.) | מאָנטאָג, 1:30 נ. מ. |
| WED., 10:45 A. M. — WHOM | (1480 Kc.) | מיטוואָך, 10:45 פריה |
| FRIDAY, 10:25 A. M.—WHOM | (1480 Kc.) | פרייטאָג, 10:25 פריה |
| FRIDAY, 3:45 P. M.—WEVD | (1330 Kc.) | פרייטאָג, 3:45 נ. מ. |

ליכט בענשען ערב שבת, 10טען פעברואַר, 4:59, ניט שפּעטער ווי 5:06
ליכט אָנצינדען שבת נאַכט, 6:06 (אַלעס אין ניו יאָרק, סטענדערד טאַים)
תפלת שחרית זונטאָג פריה, 12טען פעברואַר, 5:54; סוף זמן ק"ש, 9:32

ליכט בענשען, אין אַנדערע טיילען פון דער וועלט:
ערב שבת, 18 מינוט (ניט שפּעטער ווי אַן מינוט) פאַר זון אונטערגאַנג
ליכט אָנצינדען שבת נאַכט: 42 מינוט נאָך זון אונטערגאַנג

דעם שבת לייענט מען אין דער תורה די סדרה „יתרו". הפטרה: בשנת מות המלך (ישעי' ו'). די ספרדים לעזען אוים זרע קודש מצבתה. מען בענשט ראש חודש אדר, וואָס וועט זיין נעקסטען פרייטאָג און שבת, דעם 17טען און 18טען פעברואַר. דער מולד וועט זיין פרייטאָג אין דערפריה, 38 מינוט 8 חלקים נאָך 9. דאָנערשטאָג, דעם 16טען פעברואַר, איז ערב ראש חודש.

### אַנאָונסמענט

שיקט אריין אייער'ע דאָנעישאַנס און ווערט א מעמבער און איהר ווייט אויך גלייך באַקומען אונזער נייעם, שעהנעם, פּראַכטפולען קאַלענדאַר (אַלמאַנאַק), וועלכער אַנטהאַלט 68 פּעידזשעס, 20 אילוס־טרירטע בילדער, אַלע דינים און מנהגים פון יום־טובים אין אידיש און ענגליש, און א טאַבעלע פון ליכט־בענשען פאַר די 10 גרעסטע סענ־טערס פון די יונאַיטעד סטעיטס. די קאַלענדאַרס זיינען אין א באַ־שרענקטער צאָהל. וכל הקודם זכה.

### אויפמערקזאַם!

פּרענט אייך נאָך וועגן אונזערע 9 טרוקענע, אויסגעצאַלטע סעמעטערים, קדיש ומשניות פּאַליסי, בראָנז טאַבלעטס, ספר יאָרצייט, נר יאָרצייט מעמבערשיפּ און „יזכור האל"

אגודת אנשי מעמד ובית ועד לחכמים
AGUDATH ANSHEI MAMOD UBEIS VAAD LACHACHOMIM
SOCIETY OF SUPPORTERS OF THE HOUSE OF SAGES, Inc.
152-154 HENRY ST., NEW YORK 2, N. Y. Telephone: ORchard 4-2215

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון

מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

בעלאַ האָט געפיהלט אין זיין טאָן הוזק, איראָניע. ער וויל זי אראָפּ־וואַרפען פאַר מענשען אין די אויגען. מיט פאַרביסענע ליפּען האָט זי זיך גענומען אפּראַמען פון טיש די ליידיגע גלעזער און טעלער. די גאַנצע שטימונג איז ביי אַלעמען שוין געווען אַן איבערגעפּירטע, און שפּעטער, אַז די געסט זיינען שוין אַוועק, האָט שוין קיין זאַך ניט געטויגט.

„יאָ, ער וויל זי אראָפּוואַרפען" — האָט איצט אין איהר געזאָדען דער כעס, שפּאַנענדיג פון קיך צום „ליווינג־רום" און צוריק מיט די רעשט־לאַך פון טיש. אין איהר האָט אַלע מאָל געלעבט אַ געפיהל, אַז ער האַלט זי פאַר אַ פּראָסטע, און זיך האַלט ער העכער פון איהר. זי וועט איהם איצט ווייזען:

— אַ מענש שאַצט ניט אָפּ וואָס מען טוט פאַר איהם. ווען ניט איך...

— דו? — האָט סעם ערשטוינט זיך אָפּגעשטעלט לעבען זיין ווייב — וואָס אַזוינס האָסטו געטאָן פאַר מיר? איך ווייס גאָרניט פון דעם.

— אַזוי, דו ווייסט ניט? — האָט זי איהם אַ לאַך־געטאָן אַנטקעגען. — און וואָס ווייסטו יאָ? דו ביזט דאָך אַן אויפטוער אַ גרויסער, באַנוגענט זיך מיט גאָרניט, ער דאַרף גאָרניט האָבען...

אָט דער לאַך איהרער דער־מאָנט איהם די שטענדיגע באַשולדי־גונג איהרע, אַז ער איז אַ „פוילער", אַ דורכפאַל. קיין זאַך האָט איהם ניט אַזוי ביטער געמאַכט ווי דאָס, און אַ כעס'דיגער הערט ער ווידער איהר רעדען:

„איך טו פאַר איהם ווייניג, אפשר? אַן אַנדערער וואָלט נאָך דאַנקבאַר גע־וועזן: שפּאָרען אַ פּעני צו אַ פּעני, אויפהאַלטען אַ שעהנע היים".

סעם האָט איצט קריטיש באַטראַכט דעם ציממער, די „ליווינג־רום". אין דער מינוט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס איז ניט זיין היים. די אָנגע־שטעלטע מעבעל מיט די נאַרישע באַ־פּוצונגען, די פּאַפּירענע בלומען — „איהר געשמאַק".—די שטאַרען אויף דעם פענסטער אראָפּגעצויגענע, פּונקט אויף דער העלפט פון פענסטער, ניט צו הויך, ניט צו נידעריג. פאַר כעס האָט ער אַ ציה געטאָן די שטאַרע, וואָס האָט מיט אַ קנאַק אַ פליה געטאָן ארויף. איהם האָט זיך איצט געגלוסט אַלעס דאָ צעוואַרפען, צעברעכען, אַז עס זאָל פון קיין זאַך קיין סימן ניט בלייבען. בעלאַ האָט זיך ניט אָפּגע־שראָקען פון זיין כעס און אויפגעהאַל־טען איהר קריגערישען טאָן.

אין דעם גאַנג פון קריג האָט בעלאַ גענומען אַראָפּוואַרפען זיינע פריינט.

— די „וואַשנע מענשען" — האָט זי אַ דרעה געטאָן מיט'ן קאָפּ.

זי האָט איהם דערמאָנט אַז איינעם אַן אַלטען פריינט זיינעם, וואָס האָט ניט געקענט זיך צושלאָגען צו קיין ריכטיגע פרנסה, און סעם האָט עטליכע מאָל איהם געליהען געלט. „אַ שלימזל און אַ גאָרנ'ט" האָט יענער ביי איהר אין די אויגען אויסגעזעהן. און אַז ער קומט נאָר ווען ער דאַרף לייען געלט:

— דו וועסט שוין אַזוי אַנזעהן צו־ריק דעם חוב, ווי דו זעהסט אַן דיינע אויערען — האָט זי זיך געערגערט. און סעם איז געוואָרען אויסער זיך צו אַפּרופען זיך אַזוי וועגען זיינעם אַ פריינט.

— נאָר אַז מען איז אַליין ניט עהר־ליך, פאַרדעכטיגט מען יעדען איינעם — האָט זיך ביי איהם ארויסגעכאַפּט. און באַלד האָט ער זיך דערשראָקען פאַר זיינע אייגענע רייד. ער האָט שוין אַליין געוואָלט ארויס פון דעם אָנגע־הויבענעם קריג, נאָר ער האָט ניט גע־וואוסט ווי אַזוי. ער איז שוין צו טיף אריין. בעלאַ האָט איהם איצט באַ־שולדיגט אַז ער וואַרפט זיך מיט געלט, נאָר אויסצופיינען זיך.

— אַ „ברייטע האַנט"... און פאַר זיין אייגענער פאַמיליע אַרט איהם ניט... ער וועט צוטאָכלעווען דאָס ביסעל געלט, וואָס זיי האָבען אָפּגע־שפּאָרט מיט איהר מיה, און זיי וועלען בלייבען ביי גאָר ניט.

סעם האָט שוין איצט מורא געהאַט ציהען ווייטער דעם ענין און אַ פאַרלאַ־רענער האָט ער געשוויגען. ער איז געווען ניט אַזוי שאַרף ווי זיין ווייב. אַז עס איז געקומען צו דעם. ער איז אָפּט מבולבל געוואָרען ווי זי איז אַזוי איבערגעשפּיצט... פאַרשטעהט מעהר פון אַלעמען... און שטענדיג איז זי די גערעכטע.

סעם האָט דעמאָלט געפּרואווט צו אָפּמאַכען ביי זיך, אַז עס זאָל איהם גאָרניט אַרען. אַז בעלאַ וועט אָנהויבען רעדען, זאָל ער זיין גלייכגילטיג און שווייגען שטיל. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. ווי נאָר ער האָט אין אָוונט אָפּגעגעסען סאַפּער, האָט ער זיך געזעצט ביים שיין פון'ם לאָמפּ מיט אַ צייטונג אין האַנט און איינגע־גראָבען דעם קאָפּ אין'ם לייענען. די שטילקייט דעמאָלט אין שטוב איז ניט געווען אריבערצוטראָגען. עלינאָר איז אויך באַלד נאָכ'ן עסען אַנטלאָפען פון שטוב ערגעץ צו אַ חבר'טע.

בעלאַ'ן האָט אויפגערייצט זיין שווייגעניש. אָט זיצט אַ מענש. אַ פרעמדער אין שטוב, און גאָרניט... באַטש ווער צופּלאַצט... זי האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. זי האָט דאָך אויך ניט געוואָלט קיין קריג. דאָס קריגען זיך האָט איהר קראַנק גע־מאַכט... אויסגעצויגען דעם סאַק פון די ביינער. זי האָט דעמאָלט באַשלאָ־סען, אַז זי וועט צוגעהן צו איהם... זי וועט איהם זאָגען אָפען:

— וואָס ביזטו אין כעס? ס'הייסט דו ביזט נאָך גערעכט?

זי מאַכט האַסטיג אַ טראָט נעהענ־טער צו איהם... וויל שוין אָנהויבען רעדען... נאָר אַז סעם דערזעהט זיין ווייב נאָהענט לעבען זיך, ציהט ער זיך עפּעס צונויף אין זיך... גראָבט טיפער איין זיין פּנים אין צייטונג. ער האָט מורא פאַר אַ נייעם קריג.

בעלאַ טרעט אָפּ אויף צוריק. ז מאַכט זיך, אַז זי איז גאָרניט אויסען געווען איהם צו זאָגען. זאָל ער נאָר ניט מיינען...

אַזוי האָבען זיי געלעבט, סעם און זיין ווייב בעלאַ... יאָהר איין, יאָהר אויס... צוויי פרעמד־געוואָרענע מענ־שען אין איין שטוב. אין די אָוונטען האָט סעם דעמאָלט אָנגעהויבען אָפּ־טער אַוועקגעהן פון שטוב, נאָר אַפילו דאָרט וואו ער איז געווען, צווישען פרעמדע מענשען איז אויף זיין פּנים געווען אָנגעשריבען, אַז ער טראָגט אַ צרה אין זיך.

פאַר לייטען, פאַר זייטיגע מענשען, האָבען זיי נאָך אָנגעהאַלטען דעם אָנ־שטעל, אַז אַלץ איז גלאַט. ביידע האָ־בען זיך אָנגעשטרענגט, אַז פון אויבען־אויף זאָל די צרה זייערע וואָס ווייניגער זיך אָנזעהן.

### קאַפּיטעל 3

זיבעצען לאַנגע יאָהרען האָבען זיי אַזוי אָפּגעלעבט צווישען זיך — סעם ריווקין און זיין ווייב בעלאַ. צוויי פרעמדע מענשען אין איין שטוב, אונ־טער איין דאַך. בעלאַ האָט פאַר דער צייט ניט שטאַרק זיך געביטען. איהרע ניט־דערגרייכטע אַמביציעס צו ווערען רייך און פירען זיך ברייט האָבען נאָך אויפגעלעבט אין איהר פון צייט צו צייט. דעמאָלט האָט זי צו איהר מאַן טענות געהאַט, אַז ער פאַרדינט ניט גענוג:

— ווען עס איז „סלעק" ביי איהם אין שאַפּ זוכט ער זיך ניט קיין אַנדער פּלאַץ. ווען עס איז „ביזי" אין סעזאָן זעהט זי ניט ער זאָל אַרבייטען אָווער־טאַים.

— ער טרייעט ניט גענוג — האָט זי געערדט אין דער „דריטער פּער־זאָן". — זי ווייס, אַז אַנדערע מענער ברענגען אַהיים אַ גרויסע „פּעי" יע־דע וואָך.

אַז סעם איז אין אָוונט געקומען אַהיים, האָט בעלאַ דעמאָלט געהאַט אַ פאַר'דאגה'טען אויסזעהן. דאגות וועגען איהר מאַן... דאגות וועגען איהר טאָכטער... איין לאַנגע קייט פון דאגות וואָס האָבען געמאַכט איהר אויגען קור־צען שאַרף, אָנגעשטרענגט, און איהר שטערן צוקאַרבט, ווי זי וואָלט געליטען פון עפּעס אַן אינעווייניגסטער קרענק.

איהר פאַרלאַנג איבערצומאַכען איהר מאַן האָט זיך ניט איינגעגעבען. סעם האָט ניט געהאַט קיין געפיהל פאַר איהרע אַמביציעס צו ווערען רייך, ארויפקומען אין די „הויכע פענסטער". בעלאַ האָט געהאַט אַ שוועסטער־קינד — אַדעלאַ — איז זי פאַר איהר שטענ־דיג געווען אַ מוסטער ווי אַזוי מענשען דאַרפען לעבען. אַדעלאַ'ס מאַן איז גע־ווען רייך. זיי האָבען פאַרמאָגט אַ קאַר, און בעלאַ איז איהר מקנא געווען. זי איז דערנאָך געקומען אַהיים אַן אי־בערגעקערטע.

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— דו ביזט שוין געווען היינט ביי אַדעלאַ'ן... — האָט סעם באַלד דער־קענט נאָך זיין ווייב'ס יעדען קער.

בעלאַ'ן האָט דאָס נאָך מעהר צו־רייצט. און רייד שאַרפע, ביטערע, האָבען זיך געריסען פון איהר מויל... ווערטער וואָס באַשולדיגען, וואָס קלאָ־גען אָן.

סעם האָט קיין אַנדער ענטפער ניט געהאַט ווי נאָר, אַז זי איז „זשעדנע, גייציג נאָך געלט, און אַז איהר געפעלט נאָר וואָס ביי יענעם". נאָר אַפילו דאָס קריגען זיך איצט איז שוין געווען אָהן טעם ביי ביידען. סעם איז שוין מיד געווען פון קריג, און אַפילו דאָס איבערבעטען זיך דערנאָך איז איהם שוין געווען דערווידער. צופיל האָט זי איהם שוין דערמאָנט, אַז ער איז אַ „פעילייער", אַ דורכפאַל. ער האָט זי דערפאַר געהאַסט...

איז ער געוואָרען עפּעס אַפּגעלאָזען ביי זיך... אָהן מיט. עס האָט זיך אָפּ־געטאָן פון איהם זיין פרעהליכקייט און ער האָט געלעבט נאָר מיט דעם היינ־טיגען טאָג. ער האָט אַפילו אויסגע־קוקט אויף סלעק, ווי „איהר אויף צו להכעיס"...

איהר קול אַפילו האָט ער פיינט גע־קראָגען; איהר זיכערקייט מיט זיך, אַז אין אַלץ, וואָס זי טוט, איז זי די גערעכטע און זי ווייסט בעסער פון אַלעמען.

„פאַרפאַלען" — האָט סעם ביי זיך אָפּגעמאַכט. ער וועט שוין קיינמאָל ניט קענען זיך צופרידענעד מיט זיין ווייב. זאַכען וואָס זיינען איהם נאָהענט, וואָס רודערן איהם אויף, געהען איהר גאָר ניט אָן. אַט דערמאָנט זיך סעם איינעם אַן אָווענט אַזאַ. ער איז דע־מאָלט געקומען שפּעט אַהיים, און בע־לאַ האָט לאַנג אויף איהם געוואַרט מיט דעם סאַפּער:

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט היינט?

— האָט זי זיך געוואונדערט. און סעם האָט איהר גענומען דערצעהלען אַ גאַנצע געשיכטע, ווי אין זיין פאַר־איין פון די לאַנדסלייט האָט מען דאָ ניט לאַנג אונטערגענומען אַן „אַקציע" צו שיקען אַ גרויסע סומע געלט פאַר די געליטענע דאָרט, אין דער אַלטער היים. און ער האָט היינט געדאַרפט זעהן אַ פּאָר מענשען. אַ סך פון די לאַנדסלייט זיינען שוין איינגעזעסענע, איינגערוהיגטע. זיי ווילען שוין פאַר־געסען ווי זיי האָבען אַליין אויך זיך אָנגעליטען. מען דאַרף ביי די־אַ מענ־

שען וועקען דעם איינגעשלאָפענעם געוויסען... רעדען צו זיי, מאַנען, אַז זיי זאָלען אויך עפּעס טאָן פאַר די געליטענע.

סעמ'ען האָט זיך געדאַכט ווי זיין ווייב הערט איהם מיט געמאַכטער ערנסטקייט. באַלד האָבען איהרע אויגען גענומען וואַנדערען צום פענסטער. זי איז צוגעגאַנגען און פאַרריכט דעם פאַרהענגעל, וואָס איז געהאַנגען קרום.

„זי האָט דאָס אַלץ אין דער ערד", האָט סעם ביטער אַ טראַכט געטאָן. ער האָט גוט געוואוסט בעלאַ'ס גע־דאַנקען, וואָס זי אַליין האָט ניט איינ־מאָל אַרויסגערעדט אָפען. זי האָט דאָך געהאַלטען, אַז עס איז אַ פאַרדאַר־בענע וועלט. אַלע מענשען זיינען שלעכט, און יעדער איינער דאַרף זאָר־גען נאָר פאַר זיך אַליין...

אַז די יאָהרען זיינען געגאַנגען איז שוין ביידען שווער געווען צו לעבען אינאיינעם. אַ סך מאָל האָט סעם גע־פּרואווט נאָך טראַכטען אויף צוריק: אפשר איז זי גאָר ניט אַזוי שטאַרק שולדיג, בעלאַ? זי האָט דאָך גע־מיינט גוט פאַר זיי ביידען און פאַר זייער איין־און־איינציג קינד. נאָר עפּעס איז אין זייער לעבען קאַליע גע־וואָרען, ווי עס ברעכט זיך אָפּ אַ

שרייפעל אין אַ מאַשין, און מען קען עס שוין ניט פאַרריכטען. די מינדסטע זאַך האָט זיי ביידען אויפגערעגט, און זיי האָבען שוין רוהיג ניט געקענט רע־דען פון קיין זאַך. זיי האָבען מעהר קיין געדולד ניט געהאַט איינער צום אַנדערען. ביידע זיינען געווען פאַר־צווייפעלט פון אַזאַ סאָרט לעבען אָהן אַן אינהאַלט, אָהן אַ זינען.

„פאַרוואָס געהט ער ניט אוועק פון שטוב?" — האָט סעם ביי זיך אַליין אַ סך מאָל געמאַנט. עס האָט דאָך שוין געטראָפען אַ סך מאָל וואָס מענער זיינען אוועק פון דער היים, אַפילו גע־נומען זיך געליבטע. ניט איינמאָל האָט טאַקע סעם געפּלאַנט, ער וועט אוועק פון דער היים, ער וועט געהן וואו נאָר די אויגען וועלען איהם טראָ־גען. ער וועט אַרומוואַנדערען... ווע־רען אַ טרעמפּ... אַז קיינער זאָל גאָר ניט וויסען וואו ער איז אַהינגעקומען.

נאָר סעם איז ניט אוועק פון הויז... ניט געוואָרען קיין טרעמפּ. ער האָט געלאָזען אַלץ געהן מיט דעם אייגענעם גאַנג. איינמאָל אין אַן אָווענט, אין אַ גוטער מינוט, זיינען מאַן און ווייב געזעסען ביידע אין ליווינג־רום, סעם מיט זיין צייטונג אין האַנט האָט געלייענט די נייעס, און בעלאַ האָט גע־שטריקט אַ סוועדער, באַוועגענדיג גיך, גיך מיט איהרע פלינקע פינגער. בע־לאַ האָט די ערשטע פאַרפירט מיט איהר מאַן אַ שמועס וועגען דעם, וואָס איז ביי איהר שטענדיג געלעגען אין געדאַנק. וועגען דעם אַז סעם זאָל אפשר פאָרט פּרובירען אַ האַנט אין ביזנעס, אַ סטאָר אפשר. זי ווייסט פון איינעם...

סעם האָט אויף שנעל אַ קוק געגע־בען אויף איהר און אַ דרעה געטאָן מיט דעם קאָפּ אויף „ניין". ס'האָט גע־הייסען, אַז ער וויל פון אַזוינס ניט הערען. נאָר בעלאַ'ן האָט מען ניט געקענט אָפּ'פּטר'ען מיט אַ דרעה מיט'ן קאָפּ אויף „ניין".

— זיי האָבען אַביסעל אָפּגעשפּאָר־טע געלט — האָט זי ווייטער געצוי־גען דעם שמועס — און אויב ער האָט מורא צו ריזיקירען מיט זיין איצטיגען דזשאָב, קען ער דערווייל בלייבען אַר־בייטען. אַנדערע האָבען אַזוי געטאָן. זי, בעלאַ, וועט איהם דאָ אַ סך אַרויס־העלפען.

בעלאַ האָט גערעדט, דורכט זיך, מיט אַ געמיטליכע און רוהיגען טאָן, נאָר סעמ'ען האָט עס אַ טראַג געטאָן אין דער לופטען. שוין ווידער דאָס איי־גענע!

ער האָט אַ וואָרף געטאָן זיין צייט־טונג צו דער ערד און האַסטיג גענו־מען שפּאַנען איבער'ן שטוב. ער האָט זיך געגעבען אַ שטעל אָפּ לעבען איהר:

— אויב איך וועל אַמאָל אוועקגעהן פון שטוב איז נאָר צוליב אַט די מאָדנע גענג דיינע! — האָט ער געגעבען אַ געשריי אַרויס מיט אַן אויפגערעגטען קול.

— דו דאַרפסט מיר ניט סטראַשען, דו קענסט ש ו י ן געהן — האָט בעלאַ, שוין אויך אַן אויפגערייצטע, אַ זאָג געטאָן — צוליב וואָס אָפּלייגען אויף אַמאָל?

סעם האָט געגעבען אַ קוק־אָן זיין ווייב. דער קלאַנג פון איהר שטימע ווען זי איז אויפגערעגט, דער האַרטער אויסדרוק פון איהרע אויגען... דאָס אַלץ פון וואָס עס איז איהם אַזוי פיל יאָהרען שווער געווען. און דעמאָלט האָט דאָס מיט איהם פּאַסירט. ער האָט זיך אָפּגערופען און געזאָגט:

— יע, איך וועל געהן נאָך היינט, שוין!

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום וועס־טעל־קעשענע. אַרויסגענומען דעם זייגער. זיך איינגעקוקט.

— ניין, ניט היינט — האָט ער גע־רעדט ווי צו זיך אַליין — מאָרגען, באַלד אין דער פריה...

בעלאַ איז געבליבען זיצען ווי פאַר־שטיינערט. צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען אפשר האָט זי זיך פאַר־לאָרען. עס האָט איהר אָפּגענומען דאָס לשון. די קראַפט און אַנטשלאָ־סענקייט פון זיין טאָן. זי איז געווען איבערגעשראָקען. זי האָט ניט־באַטראַכ־טערהייט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט... געהייסען איהם אַליין אוועקגעהן פון שטוב. זי האָט עס געטאָן, און איצט איז שוין געווען פאַרפאַלען.

דאָס איז געווען אין אַ שבת ביי־נאַכט. סעם האָט יענע גאַנצע נאַכט ניט צוגעטאָן מיט קיין אויג. איין מינוט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס איז פאַר איהם דער איינציגער וועג, וואָס איז פאַר איהם פאַרבליבען, אוועקגעהן פון שטוב. נאָר דער גע־דאַנק וועגען עלינאָר'ן, זיין געליבט קינד, האָט איהם שטאַרק געמאַטערט. ווי אַזוי קען ער אוועק פון שטוב און איבערלאָזען עלינאָר'ן אויף הפקר?

זיינע געדאַנקען זיינען געלאָפען הין און צוריק. ער האָט געהערט זאָגען, אַז קינדער ליידען מעהרער פון דעם ווען טאַטע־מאַמע רייסען זיך אָרום. פאַר עלינאָר'ן וועט איצט זיין בעסער אַזוי. זי וועט ניט דאַרפען איינזאַפּען אין זיך דעם סם פון קריג...

עלינאָר איז שוין אַ דערוואַקסענע מיידעל, אַ זעלבסטשטענדיגער מענש. באַלד וועט זי ענדיגען האַי־סקול און אַריינטרעטען אין קאַלעדזש. אַז ער וועט זיין אַוועק, וועט ער זיין קינד נאָך בעסער קענען פאַרזאָרגען מיט געלט און מיט אַלעם נויטיגען.

אַזוי האָט סעם געהאַלטען אין איין איינ'טענה'ן מיט זיך און זיך אַליין איינגערוהיגען. און אויף מאָרגען, זונ־טאָג, איז ער אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה. ער האָט אַרויסגענומען פון שאַ־פע דעם וואַליס, גענומען איינפּאַקען אַביסעל זאַכען נויטיגע צום ניצען.

ווער, שיך און דעם גוטען אַנצוג זיי־נעם. בעלאַ איז אויפגעשטאַנען גלייך מיט איהם, מיט פאַרביסענע ליפּען און מיט אַ טרוקענעם גלאַנץ אין די אויגען איז זי געשטאַנען דערביי, געקוקט ווי איהר מאַן פּאַקט די זאַכען. זי האָט געשוויגען שטיל, ס'האָט זיך איהר אַלץ ניט געגלויבט אַז דאָס קומט פאָר אויף אַן אמת. זי איז געווען ווי אין אַ קאָש־מאַר.

(ווייטערס — מאָרגען)



# „גוטהערציגע" אידען וואָס העלפען נאַצישע מוזיקער און זינגער

(שלים פון עדיטאָריעל פּעידזש)

יאָהר, געבראַכט צו צוויי וועלט־מלחמות, וואָס האָבען געקאָסט עטליכע און דרייסיג מיליאָן לעבענס, אַז אויף זיי איז אַ ביטערער רחמנות. אויך די 6 מיליאָן ברידער זיינע, וואָס די דייטשען האָבען אומגעבראַכט אין גאַז־קאַמערען און אין קאָנצענטרעישאָן־קעמפּס, שטערען איהם נישט אין זיין מחילה־פילאָזאָפיע.

דער דאָזיגער טיפּ פון אידישע אינ־טעלעקטועלע איז נישט קיין נייעס ביי אונז. מיר קאָנען זיי נישט פון נעכ־טען. מיר קאָנען אידען־שוישפילער פון די אַמאָליגע דייטשע טעאַטערס, וועלכע האָבען פאַרלאָזען אַמעריקע און זיינען צוריקגעגאַנגען קיין דייטשלאַנד און שפּילען דאָרט אין בערלין און אין וויען און אין מינכען פאַר יענע, וועל־כע האָבען אומגעבראַכט זייערע און אונזערע ברידער. מיר קענען אידען, שרייבער, וועלכע טאַנצען ווידער אויף דער חתונה פון דער דייטשער „קול־טור" און זיינען די הויפּט־מחותנים ביי יעדען קאָנגרעס פון דייטשע שריי־בער, מוזיקער, שרייבען אַרטיקלען אין די דייטשע צייטונגען וועגען „אונזער דייטשער קולטור" און אַזוי ווייטער.

אין ישראל האָט מען דורך דער כנסת דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז אַ ישראל־בירגער טאָר נישט שטעלען זיין פוס מעהר אויף דייטשער ערד. דער ישראל־פּאַס איז פאַר דייטש־לאַנד נישט גילטיג. געטאָן האָט מען עס אויך נישט צוליב דעם, וואָס עס זיינען נישט געווען קיין בעלנים צו פאָרען קיין דייטשלאַנד . . .

אַט האָט מען דאָ נישט לאַנג צוריק אין ישראל גענומען דיסקוטירען די פראַגע, צי זאָל מען אויפפירען וואַג־נער'ס און שטראַוס'עס אָפּערעס און שפּילען זייער מוזיק. די עפענטליכע מיינונג האָט זיך אַרויסגעזאָגט גע־גען דעם. אָבער אַ רייהע אינטעלעקטועלע פון מערב־אייראָפּע האָבען זיך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט, כדי צו איבערצייגען דעם ישוב אין ישראל, אַז עס איז אַ גרויסער פאַרלוסט אין קולטור־לעבען, וואָס מען שפּילט נישט וואַגנער'ס אָפּערעס. אויף שטראַוס'ן זיינען זיי שוין געווען גרייט נאָכצוגעבען, אָבער נישט אויף וואַגנער'ן. דאָס איז, נאַ־טירליך, אַ ריינער אונזין. דווקא די־כאָרד שטראַוס איז נישט געווען קיין אַנטיסעמיט און נישט קיין נאַצי. זיין שנור איז אַ אידישע. זיינע ליב־רעטיסטען זיינען געווען אידען. ער אַליין איז פּשוט געווען אַ פּרינציפּנ־לאָזער מענש. ער האָט ליב געהאַט געלט און כבוד. בלויז דערפאַר איז ער געבליבען אין היטלער־דייטש־לאַנד. ווען מען האָט גענומען דאָרט קאָנפיסקירען זיינע ראָיאַלטיס, איז ער פון דאָרט אוועק. וואַגנער אָבער איז געווען אַ ליידענשאַפטליכער שונא־ישראל. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. וואַגנער'ס אָפּערעס זיי־נען ריינער מוזיקאַלישער נאַציזם, הימנען פאַר דעם פאַן־גערמאַניזם, פאַר דייטשלאַנד'ס הערשאַפט איבער דער וועלט. געוויס איז וואַגנער גע־ווען אַ גאון, און געוויס וועט נאָך אַמאָל קומען אַ צייט, וואָס מען וועט אָנהויבען אויך אין ישראל שפּילען זיין מוזיק. אָבער נישט היינט נאָך, ווען די וואונד איז נאָך אַזוי פריש. מען קאָן אין ישראל יאָהרען ממש אויסקומען אָהן וואַגנער'ס מוזיק.

***

אויך אָהן דער קירסטען פלעגסטאַד וואָלט די „מעטראָפּאָליטאַן" גוט גע־קאָנט אויסקומען. מעגליך, אַז בינג האָט רעכט, ווען ער זאָגט, אַז זי איז אַן אויסגעצייכענטע קינסטלערין, אָבער אַן אויסגעצייכענטער מענש איז זי געוויס נישט. און עס פעהלען ניט קיין גוטע זינגערינס אויף דער וועלט, וועלכע האָבען זיך נישט גע'חבר'ט מיט די נאַצישע רשעים און האָבען נישט גענאָסען פון פאַרמעגנס, וועל־כע זיינען געמאַכט געוואָרען פון האַנ־דעל מיט די רוצחים פון דער וועלט.

שטעלט אייך פאָר, אַז אַ ניו יאָר־קער קריסט, וואָס שטאַמט פון נאָר־וועגען, וועט באָיקאָטירען די „מעט־ראָפּאָליטאַן" צוליב דעם וואָס מען האָט איינגעלאַדען זינגען די פלאַגס־טאַד, און מיסטער רודאָלף בינג וועט איהם דערויף ענטפערען, אַז ער, דער ווינער איד, נעמט אויף זיך פאַר דעם די פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט. איהם אַרט נישט, וואָס זי האָט זיך גע־חבר'ט מיט די דייטשען, וואָס האָבען אָקופּירט איהר פאָטערלאַנד און האָ־בען געשטרעבט צו אָקופּירען די גאַנ־צע וועלט.

# סענאַטאָר בראַיען מעק'מעהאָן

(שלוס פון פּעידזש 2)

טאָם קאָנעלי, ווי סענאַטאָר אַרטור וואַנדענבערג, ווי סענאַטאָר נאָולענד, ווי סענאַטאָר היקענלופּער, ווי סענאַ־טאָר טאַידינגס, ווי סענאַטאָר מיליקין, ווי סענאַטאָר ראַסעל, ווי סענאַטאָר דזשאָנסאָן.

די איצטיגע „עטאָמיק ענערדזשי קאָמישאָן", פון וועלכער דעיוויד לי־ליענטאַל איז נאָך דערווייל (ביז'ן 15טען פעברואַר) דער טשערמאַן, איז געשאַפען געוואָרען, אַ דאַנק אַ פאָר־שלאַג וואָס מעק'מעהאָן'ס קאָמיטע האָט אַריינגעטראָגען אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס.

אויסערדעם וואָס מעק'מעהאָן איז טשערמאַן פון דער „דזשאָינט קאָמיטי אָן עטאָמיק ענערדזשי", איז ער אַ מעמ־בער פון צוויי שטענדיגע סענאַט־קאָמיטעס: 1) פאָרעין רילעישאָנס; 2) אינטערסטעיט ענד פאָרעין קאָ־מוירס. דער טשערמאַן פון פאָרעין רילעישאָנס קאָמיטע איז טאָם קאָנע־לי; דער טשערמאַן פון אינטערסטעיט ענד פאָרעין קאָמוירס קאָמיטע איז עדווין סי. דזשאָנסאָן, פון קאָלאָראַדאָ.

בראַיען מעק'מעהאָן איז דער ער־שטער גראַדועיט פון פאָרדהעם יוני־ווערסיטי, וואָס האָט די זכיה צו זיין אַ יונאַיטעד סטעיטס סענאַטאָר. אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט און אָנער־קענונג, האָט איהם פאָרדהעם יוניווער־סיטי, אין יוני, 1945, באַעהרט מיט אַ „דאָקטאָר אָװ לאָאָס" דיפּלאָם. סע־נאַטאָר מעק'מעהאָן קען באַצייכענט ווערען אַלס אַ שעהנער מאַנסביל. (איך האָב איהם מעהרערע מאָל געזעהן און געהערט אויף טעלעוויזשען). ער האָט פעך־שוואַרצע האָר, העל־בלויע אויגען, אַ ראָזעווע „קאָמפּלעקשאָן", וועגט צוויי הונדערט פונט. קיין „סיקס פוטער" איז ער, לוידער, ניט. ער איז, וואָס מ'רופט אין אַמעריקע: „מיד־יום סאַיזד" — ניט הויך־געוואַקסיג, ניט קליין־געוואַקסיג. ער איז אַן אויס־געצייכענטער גאָלף־שפּילער, און באַ־לאַנגט צו מעהרערע קאָונטרי קלאָבס. די מעק'מעהאָנס האָבען איין טאָכ־טער: פּעטרישיאַ ראָומערי הייסט זי.

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

### די שטורעמדיגסטע יאָרן פון טאָלסטאָי'ס פאַמיליען־לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראָמאַן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.

פון לעאָן קרישטאָל

(פאָרטזעצונג פון מיטוואָך)

די פעק מיט בריוו וואָס טאָלסטאָי האָט יעדען טאָג באַקומען זיינען געווען זעהר פאַרשידענאַרטיג און אינ־האַלט.

צי שאַפען אַ באַגריף בלויז וועגען דעם כאַראַקטער פון די בריוו וואָס האָ־בען געבעטען הילף, זיינען אָפּגעקליבען און נאָכאַמאָל געלייענט געוואָרען טוי־זענט בריוו, וואָס טאָלסטאָי האָט באַקו־מען אין פאַרלויף פון דריי יאָהר צייט. נאָך פאַרשידענאַרטיגער זיינען געווען די בריוו וואָס ער האָט באַקומען פון פאַרשידענע מענשען מיט מיינונגען וועגען זיינע ווערק, וועגען פאַרשיידע־נע געזעלשאַפטליכע, רעליגיעזע, פילאָ־זאָפישע און אַנדערע פראַגען און פון מענשען וואָס האָבען געבעטען עצות. די מענשען וואָס האָבען געשריבען צו טאָלסטאָי'ען זיינען געווען אַזעלכע וואָס זיינען אַליין באַרימט געוואָרען פריהער אָדער שפּעטער. מאַהאַנדעס גאַנדהי, וועלכער איז דערנאָך געוואָ־רען דער גרעסטער פיהרער פון אינ־דיע'ס באַפרייאונגס־באַוועגונג, איז אין זעהר אַ סך זאַכען געווען טאָלסטאָי'ס אַ תלמיד און האָט געפיהרט מיט איהם אַ היבשע קאָרעספּאָנדענץ. אויך יאַן מאַסאַריק, וועלכער איז נאָך דער ערש־טער וועלט־מלחמה געוואָרען דער ערש־טער פּרעזידענט פון טשעכאָסלאָוואַ־קיע; דער פראַנצויזישער שריפטשטע־לער ראָמען ראָלאַן; דער אַמעריקאַנער שריפטשטעלער וויליאַם דין האָועלס; דער ערפינדער טאָמאַס עדיסאָן, און אַ סך, אַ סך אַנדערע.

דער דייטש פרידריך ניצשע, ווע־מענס ווערק טאָלסטאָי האָט, אגב, פאַרדאַמט אַלס שעדליך איבער דעם וואָס אין זיי איז געפּרעדיגט געוואָרען די טעאָריע פון אַן „איבערמענש", האָט אַמאָל געשריבען, אַז אַ מענש וועלכער טראַכט אַ סך און שרייבט נישט קיין ביכער אָדער אַרטיקלען, שרייבט גע־וועהנליך גוטע בריוו. טאָלסטאָי אָבער איז געווען אַ לעבעדיגער באַווייז, אַז אין דעם ווי אין טויזענט אַנדערע פאַ־לען האָט ניצשע'ס זאָגעכץ בלויז גע־האַט דעם דרויסענדיגען אויסזעהן פון חכמה און אין דער ווירקליכקייט גע־ווען בלויז אָדער אַן איבערטרייבונג, אָדער איינגאַנצען אַ פאַלשע באַהויפּ־טונג.

טראָץ דעם וואָס טאָלסטאָי האָט גע־שריבען אַזוי פיל גרויסע און וויכטיגע ווערק, האָט ער דאָך געשריבען נישט נאָר אַ סך בריוו, נאָר אויך זעהר־גוטע און אומגעהויער־אינטערעסאַנטע בריוו.

נישט אַלע בריוו וואָס טאָלסטאָי האָט געשריבען צו פאַרשידענע מענשען אין פאַרלויף פון זיין לעבען זיינען ביז איצט אַרויסגעגעבען געוואָרען און ניט אַלע וועלען אַרויסגעגעבען ווערען אָבער אַפילו נאָר די געקליבענע בריוף, וועלכע זיינען צוגעגרייט געוואָרען צום דרוק אַלס אַ טייל פון דער הונדערט־ביכערדיגער אויסגאַבע פון זיינע ווערק, וואָס איז אָנגעפאַנגען געוואָרען אין רוסלאַנד אין 1928, און איז נאָך נישט פאַרענדיגט געוואָרען, וועלען, צוזאַמען מיט ערקלערונגען צו זיי, פאַרנעמען גאַנצע דרייסיג בענדער. קיינער קלערט אַפילו נישט וועגען אָפּדרוקען זאַמלונ־גען פון די בריוף וועלכע טאָלסטאָי האָט באַקומען פון געוועהנליכע מענשען, אָבער אַ גאַנצע רייהע אויסצוגען פון אַזעלכע בריוף זיינען ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען פאַרעפענטליכט גע־וואָרען. זיי ווייזען מיט וואָס פאַר אַ ביטעס טויזענטער מענשען האָבען זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען און וואָס פאַר אַ געפיהלען עס האָבען געהאַט צו איהם די מענשען פון זיין צייט.

די ביטע פון אַלעקסעי מאַקסימאָ־וויטש פּעשקאָוו, דעם אייזענבאַהן־אַר־ביטער, וועלכער איז שפּעטער באַ־ריהמט געוואָרען אַלס שרייבער אונ־טער'ן פּען־נאָמען מאַקסים גאָרקי, איז געבליבען אַהן אַן ענטפער, ווייל טאָל־סטאָי האָט זיך געמאַכט אַ כלל נישט צו ענטפערען אויף אַזעלכע ביטעס. ווי געזאָגט, זיינען אַזעלכע ביטעס צו איהם געווען גרויס אין צאָל און פאַר־שידען אין זייער כאַראַקטער. די טויזענט אָפּגעקליבענע בקשה־בריוף, וואָס ער האָט באַקומען אין פאַרלויף פון בלויז דריי יאָהר צייט, טיילען זיך איין לויט זייער אינהאַלט, ווי פאָלגט:

פינף הונדערט בעטען גרעסערע אָדער קלענערע סומען געלט צו לינ־דערען די נויט פון אַ פּערזאָן אָדער אַ פאַמיליע; צוויי הונדערט און פופציג בעטען געלט אויף צו קאָנען קריגען אַ מיטעלע בילדונג; 80 ווילען הילף צו קאָנען געהן אין אוניווערזיטעט; 80 בעטען געלט אויף דאָקטוירים און מע־דיצין; 50 בעטען אַז טאָלסטאָי זאָל זיי העלפען קריגען אַרבייט; דרייסיג בעטען געלט אויף הוצאות (צו פאַהרען אַהיים, אָדער אויף אַרבייט גאָר קיין אויסלאַנד) און צעהן בעטען פאַרשיי־דענע סומען פאַר „פאַמיליען־גליק" ווי אויף נדן, חתונה־אויסגאַבען אָדער אויף איינאָרדענען אַ וואוינונג.

דאָס זיינען געווען בריוף, וואָס האָבען געהאַלטען אין איין אַנקומען טראָץ דעם וואָס טאָלסטאָי האָט אויפגע־הערט געבען פריוואַטע צדקה און האָט אויף אַזעלכע ווענדונגען נישט גע־ענטפערט. מען קאָן זיך קוים פאָר־שטעלען ווי ער וואָלט פאַרפלייצט גע־וואָרען מיט אַזעלכע בריוף ווען ער שיקט טאַקע אימיצען די געבעטענע הילף, אָדער אַפילו בלויז אַ שריפטלי־כען ענטפער. דער סך הכל פון די סו־מעס, וואָס זיינען געבעטען געוואָרען פון טאָלסטאָי'ען אין די טויזענט בריוף, וואָס ער האָט באַקומען אין בלויז דריי יאָהר צייט, באַטרעפט אַ האַלבען מיליאָן רובעל. טייל בריוף זיינען געווען געשריבען פון ביטערע בעטלערס, וואָס קאָנען די מלאכה, אַנ־דערע אָבער זיינען געווען זעהר רי־רענד. טייל האָבען געבעטען נדבות און טייל האָבען געבעטען הלוואות.

אָט זיינען עטליכע ביישפּילען:

קינדער, ביי וועמען דער פאָטער איז געשטאָרבען, האָבען געבעטען ביי טאָלסטאָי'ען, אַז ער זאָל זיי שיקען געלט אויף ברויט און קליידער, אָדער גאָר אויף אַ נעה־מאַשין, אַז די מוטער זאָל קאָנען פאַרדינען.

אַ לערער פון אַ דאָרפס־שולע האָט צוגעשיקט זיינע אַן ערקלערונג פאַר־וואָס ער האַלט פאַר נויטיג ווייטער צו שטודירען און האָט צוגעלעגט אַ חשבון וויפיל דאָס דאַרף קאָסטען.

אַן אַריכער יונגערמאַן האָט ער־קלערט, אַז מיט צוויי הונדערט רובעל וואָלט ער געקאָנט עפענען אַ קליין גע־שעפט וואָס וואָלט איהם געטראָגען שעהן אויף צו לעבען. ער וואָלט גע־קאָנט האָבען צייט צו לייענען און לערנען. אין זיין בריוף צו טאָלסטאָי'ען האָט ער, צווישען אַנדערע זאַכען, גע־שריבען: „איך ווייס, גראַף, אַז ביי אייך איז די סומע פון צוויי הונדערט רובעל גאָרנישט־מיט־נישט, אָבער פאַר אינטעליגענטע קבצנים ווי איך איז אַזאַ סומע דער שליסעל צו אַ גליקליכער צוקונפט."

אַן ערפינדער האָט געבעטען אַ היבשע סומע געלט צו קאָנען אַרויס־ברענגען זיין ערפינדונג, וואָס וועט זיין אַ ברכה פאַר דער גאַנצער מענש־הייט.

אַ מוזיקער האָט פאַרלאַנגט, אַז טאָל־סטאָי זאָל איהם שיקען דריי טויזענט רובעל „נישט אַלס נדבה, נישט אַלס מתנה, נאָר אַלס הלוואה", כדי ער זאָל קאָנען גרינדען אַן אָרקעסטער.

אַן אַלמנה פון אַ געוועזענעם קליי־נעם באַאַמטען האָט געבעטען נישט הונדערטער, „נישט צענערלעך", נאָר בלויז דריי רובעל, וואָס וועלען זי „ראַטעווען פון הונגער".

אַ זעהר אַלטע פרוי, וואָס האָט גע־וואַרט אויף דער רייהע אַריינגענומען צו ווערען אין אַ היים פאַר אַלטע לייט, האָט געבעטען, אַז טאָלסטאָי זאָל זי אויסהאַלטען ביז זי וועט קריגען אַ פּלאַץ אין דעם אַנשטאַלט.

אַ געוועזענער סאָלדאַט, ביי וועל־כען עס זיינען אָפּגעשאָסען געוואָרען די פינגער פון איין האַנט, האָט צו־געשיקט אַ צייכנונג וואָס ער האָט גע־מאַכט דורך אַוועקלעגען און אַרומצייי־כענען מיט אַ בלייפעדער די פאַרקריי־פּעלטע האַנט אויפ'ן פּאַפּיר.

אַ מאַן האָט געבעטען אַ הלוואה פון פינף הונדערט רובעל אויף אויס־צוצאָלען: צו פינף רובעל אַ יאָהר.

אַ סטודענט וועלכער האָט גע־דאַרפט אויסהאַלטען אַ פאַמיליע, האָט געבעטען ביי טאָלסטאָי'ען אַ הלוואה, און צו רעקאָמענדירען זיך האָט ער אין זיין בריוף דערצעהלט, אַז ער האָט שוין צוויי מאָל געבאָרגט געלט ביי טשעכאָוו'ן און האָט ביידע מאָל אָפּ־געגעבען.

אַ גימנאַזיסט האָט געבעטען 38 רובעל מיט 88 קאָפּיקעס אויף אָפּ־צוגעבען אַ חוב.



אַ גלח, וועלכער האָט נישט גע־קאָנט באַקומען געלט־שטיצע, וואָס ער האָט געבעטען דורך די העכסטע באַאַמטע פון דער קירכע, האָט געבע־טען ביי טאָלסטאָי'ען אַ ביישטייערונג פאַר אַ קלויסטער, וואָס ער האָט גע־האַלטען אין בויען.

אַ מיידעלע האָט געבעטען שטיצע צו קאָנען קורירען איהר קראַנקע מו־טער. „אויב איהר קענט נישט שי־קען צעהן רובעל, שיקט כאָטש אַכט", — האָט דאָס קינד געשריבען.

אַ סטודענטקע פון די העכערע פרויען־קורסען האָט געבעטען געלט צו קויפען אַ מיקראָסקאָפּ.

אַ שטאָטיש פרוי, וועלכע האָט זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען נאָך פינף טויזענט רובעל צו באַצאָלען ה.בות, האָט אָפענהערציג געשריבען צו איהם: „איך האָב נישט געלייענט אייערע ווערק, איך בין נישט באַקאַנט מיט אייער גלויבען, נאָר איך נויטיג זיך שטאַרק אין געלט; און אַזוי ווי איך קאָן פון קיינעם נישט קריגען קיין הילף, האָב איך באַשלאָסען צו שרייבען צו אייך. זומער האָט ביי מיר געוואוינט אַ סטודענט. ער האָט גע־וואוסט מיינע אומשטענדען און ע־האָט מיך געראַטען, אַז איך זאָל זיך ווענדען צו אייך. אָבער איידער איך האָב באַשלאָסען צו שרייבען צו אייך, האָב איך זיך אויך באַ־ראַטען מיט'ן דיאַקאָן פון אונזער קלויסטער. ער האָט מיך אָפּגערעדט דערפון און געזאָגט, אַז איהר וועט מיר נישט געבען קיין געלט, נאָר איהר וועט מיך אַוועקשיקען קיין אַמע־ריקע אַקערען דאָרט די ערד". (יענער דיאַקאָן האָט געוויס געהאַט עפּעס גע־הערט, אַז טאָלסטאָי האָט „אַוועקגע־שיקט" די דוכאָבאָרען קיין קאַנאַדע אַלס ערד־אַרבייטער).

אַ געוועזענער קליינער באַאַמטער, וועלכער האָט פאַרלאָרען זיין שטעלע און איז געווען קראַנק אויף שווינד־זוכט, פאַרענדיגט זיין ביטע מיט די פאָלגענדע ווערטער: „מיט וועהטאָג אין האַרצען און פאַרשטיקענדיג אין זיך דאָס וויכטיגסטע געפיהל אין מענשען, דאָס געוויסען, בעט איך אייך אַז איהר זאָלט מיר העלפען."

אַן אָרימע אַלמנה, וועלכע האָט וע־בעטען געלט צו קאָנען לאָזען איהר זוהן שטודירען, האָט געשריבען: „נישט לאַנג צוריק האָב איך געזעהן אין אַ זשורנאַל אייער בילד און ווי אַ בליץ איז צו מיר געקומען דער גע־דאַנק: אָט וואו עס ליגט די רעטונג, אָט ווער עס וועט מיר העלפען! און איך דענק, אַז מיין פאַרגעפיהל נאַרט מיך נישט אָפּ."

איינער פון די בריוף־שרייבער דער־צעהלט, אַז „צו זיין גרויסען אומגליק" האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ מיידעל און ער האָט צוויי אויסוועגען: אָדער הייראַטען אָדער באַגעהן זעלבסטמאָרד און צו הייראַטען מוז ער האָבען „ווע־ניגסטענס פיר הונדערט רובעל."

אַנדערע מענשען, וואָס זיינען גע־ווען פאַרצווייפעלט איבער אומגליקלי־כער ליבע אָדער איבער פאַמיליען־טראַגעדיעס, האָבען זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען נישט נאָך פינאַנציעלער, נאָר נאָך מאָראַלישער הילף, נישט נאָך געלט, נאָר נאָך עצות. פאַר אַ זעהר גוטען מוסטער פון אַזעלכע ווענ־דונגען צו טאָלסטאָי'ען קאָן דינען אַ בריוף, וועלכען עס האָט געשריבען אַ יונגערמאַן באַלד נאָך זיין חתונה. יע־נער יונגערמאַן האָט, צווישען אַנדע־רע זאַכען, געשריבען דאָס פאָלגענדע: „איך בין אַ סטודענט פון קיעווער אוניווערזיטעט, אַ איד, אַ יוריסט און אין מאַי ענדיג איך אויף אַדוואָקאַט. פאַריגען זומער האָב איך באַשלאָסען צו הייראַטען מיט אַ געבילדעטער אָרימער מיידעל. די חתונה איז באַ־שטימט געוואָרען אויף דעם 7טען אויגוסט. מיין פרייד האָט נישט גע־האַט קיין גרעניץ. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך האָב געפונען דאָס אמת'ע גליק — אַ ריינע אומשולדיגע מיידעל, אָבער פּלוצים — אָה, ווי שרעקליך! — פּלוצים האָב איך אויס־געפונען, אַז זי האָט אַ יאָהר צייט גע־האַט פאַרבינדונגען מיט אַן אַנדער־יונגענמאַן. און פון וועמען האָב איך דאָס אויסגעפונען? טאַקע פון דעם יונגענמאַן, וועלכער איז געווען מיינער אַ שילער."

(ווייטערס — מאָנטאַג)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

סעם האָט אַ פיר געטאָן מיט די אויגען איבער די ווענט פון שטוב, גע־כאַפּט אַ קוק צו דעם צימער וואו עלי־נאָר איז געשלאָפען און ער האָט זיך געלאָזען געהן צו דער טיר. ער האָט זיך אַפילו געוואונדערט, וואָס בעלאַ איז אַזוי שטיל. ער האָט מסתמא ער־וואַרט אַ סצענע... געשרייען און קריג... די לעצטע קריג זייערע...

בעלאַ האָט איינגאַנצען געצימערט. זי האָט געמאַכט אַ טראַט נאָכצוגעהן צו סעמ'ען, איהם אפשר צוריקרופען, נאָר באַלד האָט זי זיך פאַרהאַלטען. סעם איז אַרויס פון שטוב מיט דעם וואַליס אין האַנט און שטיל צוגעמאַכט די טיר. זייער איינציג קינד עלינאָר איז נאָך אין איהר בעט געשמאַק גע־שלאָפען און זי האָט פון גאָרניט ניט געוואוסט.

## קאַפּיטעל 4

די גאַס אין דער „איסט־בראָנקס", וואו די ריוזקינס האָבען געוואוינט, איז געווען אַ שטילע גאַס און זעלטען ווען עס האָבען דאָרט גרויסע זאַכען פּאַ־סירט. איז טאַקע איצט די שכנה'־שאַפט דאָרט געווען שטאַרק אויפגערו־דערט. מען האָט געהאַלטען אין איין שושקען זיך און רעדען. אין גראָסערי און אין בוטשער־סטאָר האָט מען אין יענע טעג געקענט זעהן ווי עס פאַר־מירען זיך רעדלער וועגען ווייבער. טעלע־פאָנס האָבען געקלונגען, מען האָט זיך איבערגעגעבען איינע די אַנדערע די איינצעלהייטען. מען האָט אַלץ גע־וואוסט. וועגנט האָבען אויערען...

— איהר האָט שוין געזעהן היינט דער מיסעס ריווקין?

— איהר ווייסט דאָך שוין מסתמא וואָס האָט פּאַסירט.

— ניט פאַר קיין שטוב גערעכט...

— זי האָט אייך עפּעס דערצעהלט? כ'האָב געזעהן איהר האָט זיך אָפּגע־שטעלט מיט איהר.

— זי דאַרף מיר דערצעהלען? גע־נוג נאָר אַנצוקוקען איהר פּנים.

— און דאָס מיידעל, עלינאָר, וואָס וועט זיין מיט איהר?

— איהר קענט זיך שוין פאָרשטע־לען...

בעלאַ איז דורכגעגאַנגען די גאַס מיט געמאַכטען מוט, מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ. זי האָט ווינציג פריינ־געהאַט צווישען די שכנים. זי האָט דאָך ניט געוואָלט חבר'ען זיך מיט „אַבי וועמען". האָט אַפילו ליב גע־האַט צו באַרימען זיך. אַז זי וואוינט שוין דאָ אַזוי לאַנג און זי קען קיינעם ניט פון דער שכנה'שאַפט.

איז זי איצט אַדורך די גאַס מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. נאָר אַהיים אַז זי איז געקומען איז אַזוי ווי אַראָפּ־געפאַלען פון איהר די מאַסקע. זי האָט זיך געגעבען אַ זעץ אַוועק אַנגע־טאָן נאָך אין איהר מאַנטעל... זיך איינגענורעט ווי פון קעלט.

אין שטוב איז שטיל געווען מיט אַ מוראַ'דיגער שטילקייט... אַ פּוסטקע. אַז בעלאַ האָט זיך אַרומגעדרעהט איי־בער'ן שטוב זיינען איהרע באַוועגונגען געווען פאַרשטייפט... אָהן שום ווי־לען... די אויגען אָנגעשטעלט אין איין פּינטעל. זי האָט געמוזט אָפּטאָן זיך אָפּשטעלען... דערמאָנען זיך וואָס זי האָט זיך געקליבען טאָן. אין קאָפּ האָ־בען נאָר אַרומגעבלאָנדזשעט שטיקלעך פון די געשפּרעכען, פון דעם קריג, וואָס זי האָט געהאַט מיט איהר מאַן.

זי האָט געזאָגט צו זיך, אַז עס איז גלייכער אַזוי וואָס ער איז אַוועק. איצט איז זי רוהיג. נאָר דאָס איז ניט געווען אמת. זי האָט ניט געבענקט נאָך דער נאָהענטקייט, וואָס עס דאַרף זיין צווישען מאַן און ווייב. די ליב־שאַפט, וואָס איז אַמאָל צווישען זיי געווען איז שוין לאַנג פאַרביטען גע־וואָרען מיט די ביטערע געפיהלען. נאָר ס'איז געווען דער וועהטאָג, די חרפּה, וואָס ער האָט איהר אָנגעטאָן מיט זיין אַוועקגעהן. וואָס וועלען איצט מענ־שען זאָגען? גראָד דאָס וואָס פאַר איהר איז שטענדיג אַזוי וויכטיג גע־ווען — זיך אַרויסשטעלען גוט פאַר לייטען. זי ווייסט וואויל ווי זי איז איצט אַראָפּגעפאַלען ביי מענשען אין די אויגען מיט אַ שטאַפּעל נידעריגער. אַנדערש קוקט מען אויף אַ פרוי ווען דער מאַן איז מיט איהר... אַפילו ווען זיי האַלטען זיך אין איין קריגען. מען וועט איצט נאָר איהם געבען גערעכט... איהם. דעם שטילען, דעם גוטינקען...

זי האָט מיט אַמאָל דערפיהלט זיך אויסגעשעפּט פון די כוחות... האַלב קראַנק... און זי האָט געמוזט אין מי־טען העלען טאָג זיך צולייגען אויפ'ן אָטאָמאַנע. עלינאָר איז ביי טאָג גע־ווען אין סקול. און אַפילו ווען זי איז געווען אין שטוב האָט זי אויך פאַר־ביסען געשוויגען, ווי אַ גרויסע, אַ דערוואַקסענע. ביידע האָבען ניט גע־רעדט פון דעם וואָס עס טוט וועה. צו שטאַרק איז געווען דער קלאַפּ פאַר זיי ביידען.

בעלאַ איז געלעגען מיט אַן ענגלי־שען „מעגעזין" ביי איהר זייט. זי האָט ניט געלייענט, נאָר צום וויפיל־טען מאָל האָט זי אַלץ איבערגע־טראַכט:

— אַז מיט איהר זאָל אַזוינס זיך טרעפען!...

זי האָט געפיהלט ביי זיך, אַז זי איז קליגער פון אַ סך. זי האָט געוואוסט ווי צו פירען זיך, אַז מען זאָל איהר נאָר פאָלגען... אַז מענשען זאָלען איהר נאָר פאַרשטעהן... זי האָט געטראַכט פון דעם לעצטען אָוונט איידער ער איז אַוועק פון שטוב... זיין האַסטיגען אַרומשפּאַנען איבער'ן שטוב. ווי אַנט־שלאָסען ער איז דאָס מיט אַמאָל גע־וואָרען... זיין סטראַשען איהר: „אויב איך וועל אַמאָל אַוועק פון דער היים..."

וואָס האָט זי איהם געקענט ענט־פערען? זי האָט זיך ניט געפיהלט שולדיג אין קיין זאַך. וואָס האָט זי דען פון איהם געוואָלט? צו העלפען איהם אַרויפאַרבייטען זיך... אַז זיי זאָ־לען זיך אויך קענען דערשלאָגען צו אַ העכערען שטאַנד. זיין האַנדלונג האָט איהר אויסגעזעהן נידערטרעכטיג. איהם האָט ניט געאַרט פאַר זייער קינד, פאַר עלינאָר'ן... דעם נאָמען, וואָס ער האָט געמאַכט פאַר זייער פאַ־מיליע... דער נעבאַכל, דער גוטער... אין אמת'ען איז ער „סעלפיש" און ברוטאַל און שלעכט.

זי וועט געהן צו איהר שוועסטער־קינד, די רייכע אַרעלאַ, דערצעהלען איהר פון דאָס געשעהענע. אַרעלאַ האָט ניט איינמאָל צו איהר אַזוי גע־זאָגט:

— איך ווייס ניט, בעלאַ, ווי אַזוי דו קענסט לעבען מיט אַזאַ מאַן.

נאָר זי האָט זיך ניט געאיילט געהן צו אַרעלאַ'ן, דערצעהלען איהר די גוטע נייעס.

„ער וועט נאָך קומען צוריק". זי האָט זיך דערמאָנט געמוזט פאָרשטע־לען ווי אַזוי סעם וועט אויסזעהן: אַ פאַרשולדיגטער, אַ געבויגענער, מיט חרטה אין זיין פּנים. זי, בעלאַ, וועט איהם פּרוּוועֶן פאַרגעבען, זיין גוט צו איהם... זי וועט איהם זאָגען:

— וואָס האָסטו געוואָלט, איך זאָל שווייגען? אַז דו נעמסט אַזוי סטראַ־שען מיר...

ניין, ער וועט ניט קומען צוריק אויף אַזוי פיל האָט בעלאַ שוין איהר מאַן גוט געקענט. איהר זעלבסטזי־כערקייט האָט דאָ אַ סך געליטען. זי האָט געמוזט צוגעבען זיך אַליין, אַז זי איז דאָ דורכגעפאַלען...

טראַכטענדיג אַזוי איז איהר איינגע־פאַלען:

„ניט אַנדערש, ער האָט ערגעץ אַ געליבטע!... סעם איז די לעצטע צייט אין די אָוונטען גאָר ווייניג געווען אין דער היים..."

בעלאַ האָט פון דעם איינפאַל אַליין צו זיך אַ לאַך געטאָן:

— אָט דער נעבאַכל? ער איז ניט דער מענש ער זאָל זיין פעהיג אויף אַוואַנטורעס...

נאָר באַלד האָט זי אַ טראַכט געטאָן אויף צוריק. אין די אָרגאַניזאַציעס וואו סעם האָט באַלאַנגט זיינען ניט ווייניג געווען פרויען, וואָס האָבען גע־קענט פאַראינטריגירען אַ מאַן. סעם האָט געקענט געפעלען ווערען מיט זיין שעהן רעדען, מיט זיין אַנגעלייענט־קייט און מיט זיין וויסען...

בעלאַ'ן זיינען איצט געקומען אויפ'ן זינען זיינע ענטפערס, אַז זי האָט איהם געפרעגט וועגען זיין אַוועקגעהן צו־אָפּט די לעצטע צייט.

— אַז איך דאַרף געהן, געה איך! וואָס קער זיך דאָס אָן מיט דיר?

בעלאַ האָט דערפיהלט אין זיך מיט אַמאָל אַ נייעם קוואַל פון ענערגיע... אַ קוואַל פון אייפערזוכט און האַס... אַז עס האָט איהר אייפגעהויבען פון געלעגער. זי וועט איהם אויסשפּירען אין די ערטער וואו ער געהט... זי וועט איהם פאַרפאַלגען... וועט אַרונטעררייסען פון איהם די מאַסקע. זי מוז דער־וויסען זיך דעם אמת.

ווען זי וואָלט נאָר געוואוסט אויף זיכער, אַז דאָ איז פאַרמישט אַ געליב־טע, וואָלט זי שוין געוואוסט וואָס צו טאָן. דאָס ניט וויסען, די אומזיכער־קייט, האָט איהר געמאַטערט איצט, און זי איז ביי זיך צוריק אָפּהענדיג געוואָרען. טעג זיינען אַוועק אין אַנג־סטען און אומרוה. זי איז געלאָפען אין גאַס און באַלד געקומען צוריק.

(ווייטערס — מאָרגען)



ווי צו זיין „אויף די פיס" מיט אַ רוקען־וועהטאָג

• פאַר מוסקולערע רוקען־וועהטאָגען, קענט אַרויף אַ דזשאָנסאָנ'ס רוקען־פּלאַסטער — כמעט ווי טראָגען אַ וואַרעמענרינגען פער. עס ווירקט אויף דריי אופנים: (1) ס'ברענגט די וואַרעמענדיגע, היילענדיגע בלוט צו דעם וועה־טאָגענדיגען פּלאַץ. (2) ס'בינדט איין צוקענדיגע מוסקולען — ס'פאַרקלענערט יסורים־שטיך. (3) דער פּער באַהיט קעגען פאַרקיהלונג.

• קריגט דזשאָנסאָנ'ס רוקען־פּלאַסטער. געמאַכט פון דזשאָנסאָן און דזשאָנסאָן — באַ־וואוסט פאַר פיינע סורדזשיקעל פּראָדוקטען פאַר 62 יאָהר. אין אַלע דראָג סטאָרס.

# אין דער מוזיקאַלישער וועלט

## קאָנצערטען

מאָרגען אָוונט וועט די „אוירלי מוזיק פאַונדעישאַן" געבען אַ קאָנ־צערט פון העגרי פּוירסעל'ס מוזיק אין טאַון האָל. פיר סאָליסטען, אַ קוואַר־טעט פון וויאָלען, אַ האַרפּסיקאָרד, צוויי טרומפּעטען און די כאָראַלע גרופּע פון סיטי קאָלעדזש, דיריגירט פון קורט אַדלער, וועלען פּרעזענטירען אַכט קאָמפּאָזיציעס פון דעם ענגלי־שען קאָמפּאָזיטאָר פון 17טען יאָהר־הונדערט.

* * *

זונטאָג אָוונט וועט די יונגע פּיאַ־ניסטין ליליאַן פריינדליך געבען קאָנ־צערט אין טאַון האָל. זי וועט שפּי־לען אַ פּיאַנאָ סאָנאַטאַ פון דעם יונגען אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר לעאָן קירכנער, דריי שפּאַנישע סאָנאַטאַס פון 18טען יאָהרהונדערט און נומערען פון בעטהאָווען, בראַהמס און ליסט.

* * *

מאָנטאָג אָוונט וועט דער מוזיקער גילד געבען זיין דריטען קאָנצערט פון היינטיגען סעזאָן אין טאַון האָל. די פּראָגראַם וועט איינשליסען די שאַ־פונגען פון שובערט, דעבוסי, באַרטאָק, האַידען.

* * *

דזשאָרדזש סעל, וועלכער איז שוין דעם פערטען סעזאָן דער מוזיקאַלישער אָנפיהרער פון דעם באַריהמטען קליוו־לאַנדער אָרקעסטער, וועט אויפטרע־טען אין ניו יאָרק בלויז איין מאָל דעם סעזאָן. דאָס וועט זיין דינסטאָג אָוונט, ווען ער וועט דיריגירען דעם אָרקעסטער אין קאַרנעגי האָל. אַלס סאָליסט מיט'ן אָרקעסטער וועט אייפּ־טרעטען דער פּיאַניסט קליפאָרד קורזאָן. די פּראָגראַם וועט באַשטעהן פון מאָצאַרט'ס „יופּיטער" סימפאָני אין „סי" מעידזשאָר, באַרטאָק'ס קאָנ־טשערטאָ פאַר אָרקעסטער און בעט־האָווען'ס פּיאַנאָ קאָנטשערטאָ נומער 4 אין „רזשי" מעידזשאָר.

* * *

די סאָפּראַנאָ אַנדזשעלאַ טשאָפּ וועט דינסטאָג אָוונט געבען קאָנצערט אין טאַימס האָל.

* * *

מיטוואָך אָוונט וועט דער טריניטי כאָר פון ניו יאָרק, דיריגירט פון וואָל־טער בעיקער, געבען קאָנצערט אין טאַון האָל.

* * *

דאָנערשטאָג אָוונט וועט די אַלבע־נערי טריאָ — עוויק איטאָר קאָהן, פּיאַ־ניסט; דזשאָרדזשיאַ ציאַמפּי, פידעל־שפּילער און בענאָר הפיז, טשעליסט — שפּילען אין טאַון האָל.

### שאַנקאַר און זיין טרופּע טאַנ־צען דעם זונטאָג בייטאָג און אָוונט

יודעי שאַנקאַר און זיין אינדוסי־שער באַלעט וועלכע גיבען איצט קאָנ־צערטען איבער אַמעריקע וועלען דעם זונטאָג בייטאָג און אין אָוונט אויפ־טרעטען אין דעם זיגפעלד טעאַטער. די צוויי אויפטריטען און דער קאָנ־צערט זונטאָג אָוונט, 5טען מערץ, וועלען זיין זייערע לעצטע אין ניו־יאָרק ערב זייער אָפּפאָהרען צוריק אַהיים, קיין אינדיע.

אומעטום, וואו די טענצער גיבען קאָנצערט, זיינען די טעאַטערס אויס־פאַרקויפט. דאָ, אין ניו יאָרק, וועלען די פאָרשטעלונגען דעם זונטאָג באַ־שטעהן פון צוויי באַזונדערע פּראָ־גראַמען.

# די געשיכטע פון מיין לעבען



פון
## דר. חיים ווייצמאן

איבערזעצט אויף אידיש פון ענגלישען מאנוסקריפט
פון מ. אשעראוויטש



(פארזעצונג פון דאנערשטאג)

אין די טעג ווען דער גורל פון אונזער נאציאנאלער היים אין ארץ ישראל איז געהאנגען אויף דער וואגשאל, האב איך אויף די זיצונגען ביי דער אסעמבלי פון די פאראייניגטע פעלקער גע־שלאסען א נעהנטערע באקאנטשאפט מיט דער אינדישער דעלעגאציע, וואס איז באשטאנען פון עטליכע גאנץ אנ־געזעהענע מענשען, מענער און אויך פרויען. מיר האבען אפט צווישען זיך געפירט לענגערע געשפרעכען, און גראד איז פון זייער זייט געקומען די איניציאטיווע פארצושלאגען, אז ערש־טענס זאל איך באזוכען אינדיע; צווייטענס, זאלען מיר אהין שיקען עט־ליכע אידישע וויסענשאפטסלייט און אינזשינערען איינצופירען דארט נייע אנטוויקלונגען; דריטענס, זאלען סטו־דענטען פון אינדיע קומען שטודירען צו אונז קיין ארץ ישראל. זיי האבען אלע געקוקט אויף ארץ ישראל ווי אויף א פארערשטעטע פאסטען פון מערב־ציוויליזאציע אין אריענט. עס איז דא א גרויסע מעגליכקייט צו שאפען א בריק צווישען מזרח און מערב, און די אידישע מלוכה אין ארץ ישראל קען אין דעם שפילען גאר א וויכטיגע ראלע. דאס אליין איז אן אויפגאבע פון גאר א גרויסען פארנעם און מען וועט דערויף דארפען האבען א סך פעהיגע מענשען. באגרייפען אונזערע מענשען, אין דער איצטיגער שטימונג פון נצחון, וואס און וויפיל עס איז פארבונדען מיט דער ניי־געשאפענער לאגע, און האבען מיר טאקע דעם פער־סאנאל, וואס וועט קענען פארווירקלי־כען די אלע מעגליכקייטען נאכדעם ווי מ'וועט זיי ריכטיג גוט באטראכטען?

איך רעד דא אלץ וועגען מזרח. אבער עס איז אויך פאראן א מערב־געגענט אין די מיטעללענדישע מדינות מיט וועלכע מיר וועלען דארפען איינשטע־לען גוטע שכנ'ישע באציהונגען: גרי־כענלאנד, איטאליע, די מיטעללענדישע אינזלען, אזוי ווייט ווי ביז'ן גיבראל־טאר. מען דארף אויך טראכטען וועגען טערקאי, וועלכע קוקט אויף פא־לעסטינע ווי אויף א פארפאסט פון אייראפעאישער ציוויליזאציע. אונזע־רע קאמערציעלע און אינדוסטריעלע אנטוויקלונגען וועלען אין א גאנץ היב־שער מאס זיין אפהענגיג פון די בא־ציהונגען מיט יענע אלע לענדער. אויב נאר די באציהונגען וועלען זיין ריכ־טיגע, וועט ארץ ישראל קענען ווערען א מאדערנע פיניקיא, דער צור־וצידון פון דער היינטיגער צייט, און איהרע שיפען וועלען פירען סחורה אזוי ווייט ווי ביז די ברעגען פון אמעריקע.

עס איז דא איצטער ניט מיין אויפ־גאבע אנצואווארפען די גאנצע פרא־גראם פון דער אידישער מלוכה, ווען איך האלט שוין ביים שליסען די גע־שיכטע פון מיין לעבען. מיר וועלען נאך אוודאי א סך, זעהר א סך דארפען לערנען פון אייגענער ערפארונג, און ווי ס'פירט זיך געוועהנליך, וועט מען דערביי ניט אלע מאל טרעפען און מען וועט ווייטער פרואווען ביז ס'וועט זיך דאך איינגעבען צו כאפען דעם ריכטי־גען שניט. איך האב דא בלויז אוועק־געשטעלט ברעטלעך מיט שילדען ביי דעם וועג וואס קען, לויט מיין מיינונג, דערפירען צום ציל. דער ציל איז — איינצושטעלען און אנטוויקלען ביי אונז אין לאנד א הויכע ציוויליזאציע, וואס זאל זיין געבויט לויט'ן מוסטער פון דער עכטער אידישער מאראל. ביי דעם זאלען מיר זיך האלטען פעסט. פון דעם זאלען מיר זיך קיינמאל ניט אפקערען, ווי ס'האבען דאס געטאן אנ־דערע, די וואס זיינען פריהער, אין דער קורצער תקופה פון דער נאציאנאלער היים, אוועק אויף אנדערע וועגען און האבען זיך אנגעהויבען בוקען פאר פרעמדע געטער. פאר אזעלכע זינד האבען די נביאים שטענדיג זעהר שארף גע'מוסר'ט דאס אידישע פאלק; און ווען נאר דאס פאלק ישראל איז אוועק אויף א שלעכטען וועג און האט אנ־געהויבען דינען די אפגעטער, האט דער גאט פון ישראל זיי שווער באשטראפט דערפאר. צי ס'וועלען ווידער אמאל אויפשטעהן נביאים ביי אידען איז אוודאי שווער צו זאגען. אבער אויב נאר אידען וועלען פאר זיך אויסקלייבען דעם וועג פון אן עהרליך און הא־רעפאשנע און ריין לעבען, אויפ'ן לאנד פון די קיבוצים וואס מ'האט אויסגע־בויט לויט די אלטע גוטע פרינציפען, און אין שטעט וואו מ'האט אפגערייניגט די פסולת, וואס מ'האלט על פי טעות פאר ציוויליזאציע; אויב זיי וועלען זיך דער עיקר אפגעבען מיט עכטע און ממשות'דיגע זאכען, וואס האבען באמת טאקע א ווערט, צי דאס איז אויפ'ן געביט פון אינדוסטריע, אג־ריקולטור, וויסענשאפט, ליטעראטור אדער קונסט; דאן וועט גאט אליין זיכער אראפקוקען מיט גרויס גנאד אויף זיינע קינדער, וועלכע זיינען אזוי לאנג געוועהן נע־ונדה, צוזייט און צו־שפרייט איבער דער גאנצער וועלט, און איצט האבען זיי זיך אומגעקערט צוריק צו איהם מיט א לויב־געזאנג אויף די ליפען און מיט א לאפעטע אין די הענט, און זיי טוען אויפלעבען דאס אלטע לאנד און זיי מאכען דערפון א צענטער פון מענשליכער ציוויליזאציע.

## עפילאג

ווען איך האב געענדיגט דאס לעצטע קאפיטעל פון מיינע זכרונות, בין איך געוועזען זיכער, אז איך בין שוין אינגאנ־צען פארטיג מיט דער לאנגער — אפשר אביסעלע שוין צו־לאנגער — געשיכטע פון מיין לעבען. אבער אין די ניין חדשים, וואס זיינען געקומען נאכדעם, האט דער גאנג פון די גע־שעהענישען אנגענומען אזא כאראק־טער, אז סאי צוליב פערזענליכע און סאי צוליב אלגעמיינע טעמים, מוז איך נאך צוגעבען אן עפילאג אויך. איך האב אין מיינע זכרונות גאר ניט גע־ענדערט אין דעם וואס איך האב גע־שריבען ביז'ן 30טען נאוועמבער פון 1947. איך האב דארט אלצדינג גע־לאזען אזוי ווי ס'איז פריהער געוועזען; דאס ווייטערדיגע דא איז א קורצער איבערבליק אויף די אנטוויקלונגען אין דער צווישענצייט.

מיר האבען אנגענומען, אז דער בא־שלוס פון די פאראייניגטע פעלקער אין דעם טאג פון 29טען נאוועמבער, 1947, איז אוודאי דאס וואס ער דארף זיין — א פייערליכער אינטערנאציאנאלער באשלוס. מיר האבען געדענקט — און דאס איז אפשר געוועזען דערפאר וואס מיר האבען זיך ניט געגונג טיף אריינ־געטראכט אין דעם ענין — אז וואס שייך דער נויטיגער האנדלונג מצד די פאראייניגטע פעלקער דורכצופירען דעם באשלוס, וועט מען זיכער עפעס טאן וועגען דעם; אבער מיר האבען אויך געדענקט — און אין דעם האבען מיר זיך שוין געפיהלט אויף א פעס־טערען באדען — אז דער גרעסטער טייל פון דער פאראנטווארטליכקייט צו פארווירקליכען דעם אנגענומענעם באשלוס וועט געווים אויספאלען אויף אונז אליין. און וואס שייך מיר אליין, האב איך געפיהלט, אז וואס שנעלער איך וועל זיין אין ארץ ישראל, אלץ בעסער וועט דאס זיין, און איך האב זיך שוין באצייטענס אנגעהויבען גרייטען צו פאהרען.

צוליב פאמיליען־אנגעלעגענהייטען און אויך צוליב אנדערע סיבות האבען מיר באשלאסען, אז אויפ'ן וועג קיין ארץ ישראל זאלען מיר זיך דערוויילע בלויז אויף א קורצער צייט אפשטעלען אין לאנדאן, און דעם 23טען דעצעמ־בער, 1947, זיינען מיר שוין געוועזען דארט אין אונזער וואוינונג אינ'ם דאר־טשעסטער האטעל. אויפ'ן פאליטי־שען געביט איז דעמאלט אין לאנד פאר מיר גאר ניט געוועזען וואס צו טאן, מחמת די ענגלישע רעגירונג האט בפירוש צוגעזאגט, אז זי וועט זיך האל־טען לאיאל ביי דעם באשלוס פון די פאראייניגטע פעלקער. האבען מיר זיך אויף לעת־עתה איינגעארדענט צו פאר־ברענגען אין דער געזעלשאפט פון אונ־זערע קינדער און עטליכע פון אונזערע פריינד. פאר איינוועגס האב איך דארט שוין אויך פארזארגט די גע־שעפטליכע אנגעלעגענהייטען מיינע, וואס איך האב פריהער פארנאכלע־סיגט. און אזוי ווי פטור בלא כלום אי אפשר, האב איך שוין אויך געהאלטען א רעדע אויף א פארזאמלונג, און איך בין אויך געוועזען אויף א קליינעם באנ־קעט, וואס מ'האט געמאכט צו העלפען דעם „דזשאינט פאלעסטאין אפיל". קיין אנדערע קהל'ישע טעטיגקייטען האב איך דאן אויף זיך ניט גענומען, און מיר האבען שוין געמאכט אלע נויי־טיגע צוגרייטונגען, אז דעם 25טען יאנואר פון 1948 זאלען מיר ארויס־פאהרען קיין ארץ ישראל.

אבער אינ'ם משך פון די עטליכע וואכען האט די סיטואציע אין לעיק סאקסעס זיך געביטען צום ערגערען, און דאס איז געוועזען דערפאר וואס אין לאנדאן און אויך אין ארץ ישראל האט זיך די לאגע אין דעם פרט שטארק צוטרייסעלט. ווי ס'האט זיך שנעל ארויסגעוויזען, האט די ענגלישע רע־גירונג אויסגעטייטשט אויף זעהר א מאדנעם שטייגער דעם גאנצען צוזאג איהרען „זיך צו האלטען לאיאל" ביים באשלוס פון די פאראייניגטע פעלקער. די אסעמבלי פון די פאראייניגטע פעל־קער האט באשטימט א קאמיסיע פון פינף מענשען — די וואס מען האט שפעטער געקרוינט מיט'ן נאמען „די פינף עלענדע עולי־רגל'ניקעס" — זיי זאלען פאהרען קיין ארץ ישראל און דארט אנהויבען דורכפירען דעם אנגע־נומענעם באשלוס. עס האט געהיי־סען, אז אין ארץ ישראל דארף איצט געשאפען ווערען א אידישע מיליציע און עס דארף צונויפגעשטעלט ווערען א צייטווייליגער רעגירונגס־ראט. אויב מ'וועט שפעטער, נאכדעם ווי די מאנ־דאטען־מאכט וועט שוין אוועק פון לאנד, זיך אנשטויסען אן אן אראבישען ווידערשטאנד, וועט דער זיכערקייטס־ראט פון די פאראייניגטע פעלקער דאן גרינדען אן אפטיילונג פון אינטערנא־ציאנאלער מיליטער; דערווייל אבער טראגט די מאנדאטען־מאכט אויף זיך די אחריות אויפצוהאלטען ארדענונג אין לאנד.

אזוי האט עס געהייסען. אבער ווען די אראבער אין ארץ ישראל האבען, עטליכע טעג נאך דער זיצונג פונ'ם זיכערקייטס־ראט, געמאכט אן אטאקע אויף אידישע טראנספארטען, האט די מאנדאטען־מאכט גאר ניט געטאן דאס אפצושטעלען און דערנאך אויך קיין שום מיטלען ניט אנגענומען. עס איז אויסגעקומען ווי די ענגלישע רעגירונג וואלט ביי זיך אפגעמאכט, אז אפילו אזא זאך ווי באשיצען דאס לעבען פון אידען אין פאלעסטינע מיינט שוין במילא דורכפירען דעם צוטיילונגס־פלאן, און דאס איז זי ניט מחויב צו טאן, ווייל עס געהט ניט אריין אין די גרעניצען פון איהר אייגענער אויס־טייטשונג ווי אזוי „זיך צו האלטען לאיאל" ביים באשלוס פון די פאראיי־ניגטע פעלקער. די אומרוהען וואס מ'האט זעהר לייכט געקענט אונטער־דריקען ווען מ'וואלט נאר אנגענומען מיטלען געגען זיי גלייך אויפ'ן ארט, האט מען געלאזט זיך פארשפרייטען ווייטער — ווי דער שטייגער איז גע־ווען ניט איין מאל נאך אין די פריהער־דיגע צייטען. דאס אידישע מיליטער, די „הגנה", איז דעמאלט נאך געווען א „אונטערערדישע" ארגאניזאציע. קויפען געווער אויפ'ן וועלט־מארק האבען אידען אין יענער צייט נאך ניט געקענט. דאס ביסעל געווער וואס מ'האט יא געהאט, האט מען געדארפט באהאלטען און עס אפהיטען ווי דאס שווארצאפעל פונ'ם אויג, ווייל ווען די ענגלענדער וואלטען דאס געפונען, וואלטען זיי עס גלייך צוגענומען. אפ־זאגענדיג זיך פון דער פליכט צו בא־שיצען דעם אידישען ישוב, האט די מאנדאטען־מאכט אין דער זעלבער צייט ניט אנערקענט די רעכט פון דעם ישוב זיך אליין צו פאר־טיידיגען. ווי נאר מ'האט ערגיץ דערזעהן א קאנוואי פון דער „הגנה", האט מען איהם גלייך אפגעשטעלט און געזוכט ביי אלעמען אין די קעשענעס. קעמפער פון דער „הגנה" זיינען ארעסטירט געווארען ווען מ'האט זיי געכאפט ביי אזא „פאר־ברעכען" ווי באשיצען דאס לעבען פון אידישע מענשען. פון דעם גאנצען „האלטען זיך לאיאל" ביים באשלוס פון די פאראייניגטע פעלקער איז אין דער אמת'ען גאר געווארען א לאנגע קייט פון פשוט'ען סאבאטאזש.

און ניט אלע מאל האט זיך דאס אויסגעדריקט בלויז אויף א פאסיווען שטייגער. די מאנדאטען־מאכט האט זיך אפגעזאגט אריינצולאזען די קאמי־סיע פון די פאראייניגטע פעלקער קיין ארץ ישראל, ניט געלאזט צונויפשטע־לען קיין אידישע מיליציע וואס זאל באשיצען דאס לאנד, ניט געוואלט פאלגען די רעקאמענדאציע פון דער אסעמבלי פון די פאראייניגטע פעלקער צו מאכען פריי א האפען פאר אידישע איינוואנדערער, ניט געוואלט איבער־געבען קיין איין רעגירונגס־קאנצעליא־ריע אין די הענט פון די אידען וואס וועלען דאס סאי ווי סאי דארפען אי־בערנעמען; צו דעם האט די מאנדא־טען־מאכט נאך אויסגעשלאסען ארץ ישראל פונ'ם שטערלינג בלאק, צוטריי־סעלט, צוריסען און איבערגעקערט ארען־קארען דעם גאנצען שטייגער פון פארוואלטונג, כדי אלע רעגירונגס־אמטשאפטען זאלען זיך צופאלען און ס'זאל ניט זיין וואס איבערצונעמען. און אין דער זעלבער צייט וואס די טויערען פון ארץ ישראל זיינען געוועזען פארהאקט פאר דער קאמיסיע פון די פאראייניגטע פעלקער, זיינען די גרע־ניצען דארט געוועזען אפען פאר די בא־וואפענטע אראבישע באנדעס, וועלכע זיינען אריין אהין דורך דער אלענבי־בריק ביים ירדן, וואו די וואך איז ניט געוועזען פון די גאר שטארקע. אונטער אזעלכע אומשטענדען איז ווירקליך גאר קיין וואונדער ניט געוועזען וואס די אראבישע אטאקעס האבען זיך געהאלטען אין איין פארמעהרען. די אראבער האבען זיך דאן איינגערעדט, אז דאס וואס זיי האבען ניט געקענט געווינען מיט די טענות זייערע ביים געריכט פון די פאראייניגטע פעלקער, וועלען זיי מיט געווער אין די הענט קענען ארויסצווינגען מיט גוואלד.

(ווייטערעס דינסטאג)

# איין מענטש געגען א מלוכה

(שלום פון פעידוש 8)

טרייסט און א רעטונג, און ווען איך פלעג שוין ניט קענען אטעמען מעהר די לופט אין די קאפעען, און ווען מיר פלעגט נעמען שווידערען פון אלץ וואס איך האב געזעהן און געהערט ארום מיר, פלעג איך זיך ראטעווען אין זיין שטילען צימער, וואו עס איז געזעסען אן איידעלער טרוימער און א שטרענגער ריכטער.

אזוי גוט ווי קורסקי האט געקאנט אין דעם לאנגען דונקעלען צימער פין בונדישען ארכיוו אין זשענעווע ארויס־כישוף'ן פאר מיר די סאניעס און די מאניעס, די ראכקעס און די ריווקעס — די יונגע גלויביגע, הייליגע, ריינע, עקזאלטירטע ליכטיגע געשטאלטען פון דעם פרילינג פון דער רעוואלוציע — אזוי האט ער געקאנט ארויספירען די פינסטערע געשטאלטען פון די העלדען פון דער אקטאבער־רעוואלוציע און אלע זייערע נאכלויפער.

ער האט יעדען אויסגעצייכענט גע־קאנט פאר יאהרען און יאהרען אין דער עמיגראציע. ער האט געוואוסט אלע איינצעלהייטען פון יעדענס ביא־גראפיע, און בלאזענדיג די קנוילען רויך פון זיין פיפקע, פלעגט ער זיי לאזען געהן אין א לאנגער פראצעסיע איינעם נאכ'ן צווייטען, ווי דאנטע זיינע געשטאלטען אין גיהנום.

און איך האב דאן פארשטאנען ווי אזוי קליינע מענשעלעך קאנען ביים שיין פון אונטערגאנג ווארפען פון זיך אזעלכע ריזיגע שאטענס.

אז אפטישער פענאמען אין דער נא־טור ווי אין דער געשיכטע.

קורסקי האט שוין דאן געוואוסט דעם אורטייל פון יעדען פון זיי, און ענדיגענדיג א שילדערונג פון די דא־זיגע רעוואלוציע־העלדען, פלעגט ער מיר נאכדעם שטיל זאגען:

— איינהארן, איהר האט קיין בא־גריף ניט ווי זיי האסען און פאראכטען זיך איינער דעם צווייטען, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועלען זיי נעמען זיך איינער דעם צווייטען אויס־שעכטען.

און איך האב זיך תמיד דערמאנט אן קורסקי'ס אורטייל, ווען עס האבען זיך אנגעהויבען די גרויסע שחיטות אין רוסלאנד, ווען זינאוויעוו מיט ראדעק'ן האבען געהאלפען סטאלינ'ען ערליידיגען טראצקי'ן, און ווי סטאלין האט זיי נאכדעם ערליידיגט.

— אזוי האב איך אייך געזאגט אין בערלין — האט מיר קורסקי איינ־מאל דערמאנט נאך די פראצעסען, ווען מיר האבען זיך באגעגענט אין פאריז.

אין יענער צייט, ווען מיר פלעגען זיך טרעפען אין בערלין, איז קורסקי'ס גרעסטע זארג געוועזען דער ארכיוו, זיין קינד, זיין לעבענס־ווערק, זיין ניט געשריבענער עפאס.

עס איז שווער צו זאגען פארוואס די באלשעוויקעס האבען אין מיטען ברען פון זייער רעוואלוציע ניט פאר־געסען קורסקי'ס ארכיוו, און געוואוסט אלץ וואס זיי האבען געקאנט איהם צו פארכאפען. עס איז געוועזען א מערקווירדיגער קאמף פון איין מענ־שען געגען א גאנצער מלוכה.

שוין אין יאהר 1915 איז קורסקי געבליבען אליין מיט'ן ארכיוו. דער בונדישער אויסלענדישער קאמיטעט האט שוין ווי ניט עקזיסטירט. די הילף פון רוסלאנד האט די מלחמה אפגעשניטען. קורסקי איז אין זשע־נעווע געבליבען אליין מיט דער יוגענט־געשיכטע פון „בונד".

קיין געלט צו צאלען פאר דער וואוינונג אויף דער גאס קארוזשע האט ער שוין ניט געהאט. און ווען דער כאאס אין רוסלאנד האט זיך אנגע־הויבען, איז קורסקי'ן מעהר ניט גע־בליבען און איינצופאקען דעם גאנצען ארכיוו אין קאסטענס און איבערגע־בען אין א סטארערזש־הויז.

קורסקי האט געמוזט פארלאזען זשענעווע מיט דער זיכערהייט, אז ער איז געבליבען אליין מיט די קאסטענס און קיינער וועט זיי ניט רירען.

ער האט אבער געהאט א טעות. גלייך נאך דער אקטאבער־רעוואלוציע איז אנגעקומען א באפעל פון לענינ'ען צו זיינע אנהענגער אין זשענעווע, זיי זאלען מיט אלע מיטלען ארויס־קריגען דעם ארכיוו. עטליכע שווייצערישע קאמוניסטען האט זיך איינ־געגעבען דורכצופירען טיילוויז דעם באפעל. מיט געפעלשטע פאפירען האבען זיי ארויסבאקומען די קאסטענס פון דעם סטארערזש־הויז און זיי אריבערגעפירט אין דעם איזזענבאן־לאגער מיט דער באשטימונג — נאך מאסקווע.

קורסקי האט זיך פון דעם דער־וואוסט און איז אין דער לעצטער מינוט איז ער געקומען אין זשענעווע און ארויסגעראטעוועט דעם ארכיוו. און כדי צו זיין זיכער, אז ער איז איהם אריבערגעפירט אין בערלין. און עס האט זיך אנגעהויבען דער קאמף ארום דעם ארכיוו.

פאקטיש האט דער ארכיוו געהאט איין בעל־הבית, און דאס איז געוועזען קורסקי.

דער „בונד" אין רוסלאנד איז שוין געוועזען ליקווידירט אלס פארטיי. די פאר בונדיסטען, וואס זיינען געקומען פון רוסלאנד קיין בערלין, זיינען אריין אין דער מענשעוויסטישער גרופע און זיך ערקלערט אלס פארשטעהער פון די רוסישע סאציאליסטען. פאקטיש האט זיי שוין דער „בונד" ניט אינ־טערעסירט. דער פוילישער „בונד" האט שוין באקומען גאר אן אנדער פנים און אין דער צייט האט זיך אנגע־הויבען א נייע געשיכטע. איבערגענומען האט דאן אין פוילישען „בונד" גע־הערשט אזא ביטערער קאמף צווישען רעכטע און לינקע, אז די רעכטסטע צאל פון די אזויגערופענע יונגע האבען זיך ווייניג אינטערעסירט מיט די ערשטע יאהרען פון רוסישען „בונד"; קיינער איז בכלל ניט געלעגען אין זיינען איינצעלהייטען די פערגאנגענ־הייט.

עס איז דאך געוועזען די צייט ווען מען האט געמיינט, אז מען שטורעמט אין דער צוקונפט.

די לאגע פון דעם ארכיוו איז געוועזען סאי יורידיש און סאי פאקטיש ניט קיין קלארע. און דאס האבען די באל־שעוויקעס געוואוסט און אויסגענוצט. זיי האבען געוואוסט, אז ס'איז קיינער ניטא וואס זאל וועלען, אדער האבען די פינאנציעלע מיטלען אויסצוהאל־טען דעם ארכיוו. באקערט, סאי די, סאי די אנדערע האבען זיך גענויטיגט מעהר אין געלט ווי אין ראמאנטיק; און עס האט זיך אנגעהויבען דאס האנדלען צו פארקויפען די באלשע־וויקעס טיילען פון ארכיוו — לאמיר זאגען, דובליקאטען. פאר קורסקי'ן איז דאס געווען א קאטאסטראפע. אס בעסטען וואלט ער זיי אפילו קיין דובליקאטען ניט געגעבען.

אבער ער איז געוועזען איין מענש און אלע זיינען געוועזען געגען איהם. און דא האט זיך אנגעהויבען די טרא־געדיע פון קורסקי'ן.

(ווייטערעס אין נעקסטען קאפיטעל)

# אַלעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

עלינאר איז פארנאכט געקומען פון סקול. זי איז ארויפגעלאפען די טרעפ און אריינגעלאפען אין שטוב אומגע־דולדיג צו הערען גוטע נייעס וועגען איהר טאטען. נאר זי האט באלד דערקענט אין איהר מאמע'ס פנים, אז עס איז נאך אלץ ניט גוט. בעלא האט נאך די ערשטע פאר טעג אנגעגרייט אויפ'ן טיש א סעט פון טעלער, גא־פעל, מעסער פאר איהר מאן, ווי פון אלטער געוואוינהייט. נאר זי האט דעם „סעט" באלד צוגענומען צוריק, אז זי האט דערהערט עלינאר'ס טריט איבער די טרעפ. מאמע און טאכטער זיינען ארומגעגאנגען מיט איינגעהאלטענע, שטילע טריט, ווי עס וואלט געלעגען א קראנקער אין שטוב. ביים טיש האבען ביידע זיך קוים צוגערירט צום עסען.

— עס, פארוואס עסטו ניט? — האט בעלא גערעדט צו איהר טאכטער — כ'האב אפגעקאכט. מען ווארפט ניט ארויס קיין עסען.

— און דו, מא? — האט עלינאר איהר אנגעוויזען אויף דעם ניט גע־רירטען טעלער מיט דעם עסען.

— איך האב שוין עפעס איבערגע־כאפט איידער דו ביזט געקומען.

עלינאר האט געזעהן איהר מאמע'ס אפגעצעהרטען פנים מיט די פרישע קארבען אין שטערן און די מאטע אוי־גען, ווי פון נעכט ניט דערשלאפען, און עס האט איהר פארנומען דאס הארץ. פריהער, אז זי פלעגט הערען די קריגערייען צווישען איהר טאטע־מאמע, איז זי גענייגט געווען צו מא־כען שולדיג איהר מאמע'ן. דער טאטע איז א גוטער, האט זי געוואוסט. איצט האט זי געטראגען א בייז הארץ אויף איהר טאטען:

— „דער פאפא איז אויך שלעכט... אז ניט, וואלט ער זיי ניט איבערגעלא־זען אזוי" — האט זי א פארטרויערטע אין זיך א קלער געטאן.

דער טעלעפאן האט זיך צוקלונגען... צוריסען די שטילקייט פון שטוב. עלי־נאר איז אויפגעשפרונגען פון ארט:

— ס'איז דער פא! — איז זי האסטיג צוגעלאפען צום טעלעפאן.

בעלא האט אנגעשטרענגט געווארט. דאס האט גאר עלינאר'ס א חבר'טע אפגערופען. ביידע, מאמע און טאכ־טער, זיינען אפהענטיג געבליבען זי־צען.

— דיין פא, יע. א סך האט ער דיר אין זינען — האט בעלא מיט ביטער־נ'יש גערעדט צו איהר טאכטער. בעלא האט אלץ געטאן צו פאר'מיאוס'ן דעם טאטען ביי זיין טאכטער אין די אוי־גען.

— ער איז אן אונמענש, א ברוט.

— נא, הי איז נאט)! (ניין, ער איז דאס ניט!) — האט זיך ביי עלינאר'ן ארויסגעריסען א געשריי, א פראטעסט אנטקעגען דער מאמע'ס רייד.

אז דער אוונט איז צוגעפאלען, האט זיך נאך טיפער געפיהלט די עלענדקייט דא אין שטוב. פון די שכנה'שע אפארטמענטס האט מען דורך די פענ־סטער געקענט זעהן ווי עס זיצען פא־מיליעס ארום טיש ביים סאפער. עס האבען זיך דערטראגען אהער פרעה־ליכע שטימעס, גערעדערייען. די רא־דיאס האבען הויך געשפילט.

— פארוואס געהסטו ניט אין גאס? — האט בעלא גערעדט צו איהר טאכ־טער — צו א חבר'טע ערגעץ?

— אי דאנ'ט קער (מיר ארט ניט) — האט עלינאר געענטפערט.

— געה, געה — איז בעלא צוגע־שטאנען צו איהר טאכטער — זיץ ניט אין שטוב...

סעם ריווקין האט ניט געהאט קיין באשטימטע פלענער ווען ער האט אין יענעם זונטאג אין דער פריה איינ־געפאקט זיינע זאכען און ער איז אוועק פון זיין היים. ער איז דעמאלט אוועק צו זיינעם א נאהענטען פריינט, א לאנדסמאן, מעקס ברעזאווסקי, וואס האט געוואוינט „דאון טאון". דארט האט מען איהם אויפגענומען פשוט און גוטמוטיג, ווי אז אייגענעם מענשען. מעקס ברעזאווסקי האט געוואוסט פון סעמ'ס צרה'דיגען לעבען. ער איז גע־ווען איינער אזא סארט פריינט פאר וועלכען סעם האט געקענט זיך פאר־טרויען, אראפפרעדען זיך פון הארצען, ווען נאר זיי האבען ביידע גע־האט צייט פאר דעם.

אויף מעקס'עם פראגע, וואס דאס מיינט זיין קומען אהער מיט דער וואַ־ליס אין האנט, האט סעם זיך פאר איהם מודה געווען אין קורצע ווער־טער:

— ס'איז מיר שוין דערגאנגען ביז'ן האלז, און גאר...

און מעקס האט שוין מעהר ניט פא־נאנדערגעפרעגט. סערע, מעקס'עס ווייב, איז געוועזען א פשוט'ע, הארציגע פרוי, א פארהאוועטע מיט איהר הויז און מיט איהרע קינדער. זי האט סעמ'ען אפגעגעבען א באזונדערען צי־מער, וואס איז סאי־ווי געשטאנען לייד־יג, ווייל צוויי פון די עלטסטע קינ־דער זייערע האבען שוין חתונה געהאט.

— איך האב שטארק געוואלט האבען א „בארדער" אין שטוב...—האט זי צו סעמ'ען געזאגט מיט איהר גוטען שמייכעל.

מעקס ברעזאווסקי איז געוועזען אן ארבייטער אין א שאפ, אזוי ווי סעם. געוועזען אויך דער סעקרעטאר ביי דעם פאראיין פון זייערע לאנדסלייט. און עס איז דא געוועזען אן אפענע שטוב. מענשען זיינען געקומען און געגאנגען. איינער קומט דא באצאהלען זיין „ביל". אן אנדערער — מיט טענות צום פאר־איין, און נאך איינער קומט גלאט אזוי אויף א שמועס. פאר סעם ריווקינ'ען איז דאס געוועזען א שטוב גאר ווי גע־וואונשען. און עס איז איהם דא גרינ־גער געוועזען צו פארטראגען זיין צרה.

צי האט סעם חרטה געהאט, וואס ער איז אוועק פון דער היים? אויף דעם קען מען ענטפערען, אז עס איז נאר שווער איידער מען מאכט דעם ערשטען טראט. געהן צוריק אהיים מיט בעלא'ן זיין ווייב, וואלט ווידער געוועזען דאס זעלבע.

„ניין, שוין גלייכער אזוי", האט סעם צום וויפילטען מאל שוין געזאגט צו זיך אליין.

עס האט איהם נאר געוועהטאגט דאס הארץ פאר זיין קינד, עלינאר, וואס איז פארבליבען מיט דער מא־מען. צי האט ער גוט געטאן, וואס ער האט איבערגעלאזען עלינאר'ן אויף הפקר? ער האט באלד אויף מארגען געגעבען איהר צו וויסען וועגען זיך. ער האט איהר אנגעשריבען א בריף מיט זיין אדרעס און געבעטען איהר קומען איהם זעהן. ער וועט מיט זיין טאכטער האבען א שמועס. עלי־נאר איז שוין ניט קיין קינד. זי איז שוין פופצן יאהר אלט. זי וועט פארשטעהן, אז איהר טאטע האט אנ־דערש ניט געקענט...

מיט מעקס ברעזאווסקי'ן איז סעמ'ען געווען גרינג. מעקס איז גע־ווען א באזונדערער סארט מענש. ער האט א העלפט פון זיינע יאהרען אפ־געלעבט דא אין דעם גרויסען ניו יארק, געפאהרען אלע טעג מיט דער סאב־וועי און ער איז פארבליבען אזוי ווי סעם האט איהם געקענט פון אמאל, אין דער „ווייטער היים", א פשוט'ער און א גרינג־מוטיגער, און דאס האט זיך אנגעזעהן אויף זיין דארען פנים און אין די ליכטיג־שמייכלענדיגע אויגען. און אז ער האט צו עמיצען גערעדט, איז יענעם היימליך געווא־רען אויפ'ן הארצען. און מעקס האט איצט שמועסענדיג מיט זיין פריינט געוואלט איהם צושטרייטען. זיי הא־בען ביידע געארבייט אמאל אין איין שאפ. און מעקס האט זיך איצט דער־מאנט אז דעם פארמאן דארט, ניי־טענ'ען:

— גערדענקסט, סעם, נייטענ'ען... דעם פארמאן?... געוועזען א גאנצער יאטע־בע־דאס... ארבייטער האבען פאר איהם געציטערט... און איצט האט ער אליין א שאפקע... ליגט גוט אין דער ערד.

מעקס האט איצט אויסגעזוכט אלער־ליי קאמישע מעשיות וואס עס האט אמאל פאסירט מיט די מענשען, וואס זיי האבען ביידע געקענט. ער האט זיך דערמאנט א גוטען ווערט... און סעם האט געלאכט... און מארגען זיך גע־וואונדערט, וואס ער הערט זיך אליין לאכען. שוין לאנג האט אזוינס מיט איהם ניט פאסירט. טיף אין זיך האט ער אלץ געהאט אין זינען דאס אייגע־נע:

„עלינאר".

שוין עטליכע טעג ווי ער האט צו איהר געשריבען. זי האט זיין בריף שווייג'גווים ערהאלטען. ער האט גע־זעהן אין געדאנק ווי עלינאר האלט אין האנט דעם בריף... לויפט דורך מיט די אויגען די געשריבענע שורות.

„וואס טראכט זי איצט, עלינאר, פון איהר טאטען? וועט זי קענען איהם פארשטעהן, אדער זי וועט איהם אפ־שטויסען, ניט וועלען פון איהם ווי־סען?"

מעקס ברעזאווסקי האט אנגעקוקט א ווייליע זיין פריינט סעמ'ען, און ער איז אוועק און ארויסגענומען פון א שופלאד א שאך־ברעטעל און א קעס־טעלע מיט די שאך־פיגורען.

— סעם, דו ביזט דאך עפעס געווען אמאל א גרויסער קענער אין שאך־שפיל.

— יע, — האט זיך אפגערופען סעם — ווייז אהער דעם שאך.

מעקס האט צושטעלט די פיגורען אויפ'ן ברעטעל און א ווייליע האבען זיי געשפילט. נאר דער קאפ ביי סעמ'ען איז איצט ניט געווען ביי דעם:

— נו, זאל שוין זיין געגונג אויף היינט, מעקס! — האט ער אפגערוקט פון זיך דאס ברעטעל.

— איך האב שוין געשיקט בריף צו דעם קומענדיגען מיטינג פון אונזער פאראיין — האט זיך אפגערופען מעקס — זאל כאטש זיין א גרויסער עולם. און די פראגעס, וואס מען דארף פארהאנדלען זיינען דאך וויכטיגע.

סעם ענטפערט פארטראגען:

— יע, און וואס־זשע זאגסטו דארף מען טאן?

(ווייטערעס — מארגען)

# 80 יאָהר דייטשע סאָציאַל - דעמאָקראַטיע

פון ד. שוב

(שלום פון פעידוש 2, סעקשאָן 2)

לאַנד באַלד נאָך דער היטלער־איבער־קערעניש, זיינען פון די נאַצים ערמאָר־דעט געוואָרען אָדער זיינען אומגעקו־מען אין די נאַצישע טורמעס און קאָנ־צענטראַציע־לאַגערען.

דער באַוואוסטער נאָרוועגישער דיכ־טער אַרנולף אָווערלאַנד, וועלכער אין פון די נאַצים אַרעסטירט געוואָרען באַלד ווי היטלער'ס אַרמיי האָט פאַר־נומען נאָרוועגען, און וועלכער איז ביז צום סוף פון דער מלחמה געווען איינ־געשפּאַרט אין א נאַצישען קאָנצענט־ראַציע־לאַגער, האָט אין 1947 געשרי־בען (איך ציטיר פון דער שווייצאַרי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייט־טונג „בערנער טאַגוואַכט"):

„דאָס דייטשע פאָלק איז גייסטיג פאַראַרימט און פאַרקריפּעלט, ברו־טאַליזירט און פאַרפּראָסטאַקעוועט געוואָרען. דער גרעסטער טייל פון די אינטעליגענטע, מאָראַליש הויך־שטע־הענדע מענשען, וועלכע דייטשלאַנד האָט פאַרמאָגט, איז אָדער אַנטלאָ־פען אין אויסלאַנד אָדער איז אומגע־קומען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגע־רען.

„מאַנכע מענשען מיינען, אַז די דיי־טשען זיינען דייטשען, אַז זיי זיינען אימער געווען און וועלען פאַרבלייבען נאַצים. די דאָזיגע מענשען ציטירען טרעיטשקע'ן, קלאַוזעוויטץ'ען און אַנ־דערע דייטשע נאַציאָנאַליסטען און מיליטאַריסטען צו באַשטעטיגען זייער מיינונג. אָבער דאָס איז ניט אַזוי. איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, האָבען מיר געהאַנדעלט מיט דייטשלאַנד, זיינען געפאָהרען קיין דייטשלאַנד שטודירען. און האָבען דאָרט ניט וועניג געלערענט ביי די דייטשען. מיר האָבען געלייענט דייטשע ביכער, געזעהן זייערע קונסט־ווערק, שטודירט זייערע וויסענ־שאַפטליכע ווערק און האָבען פאַר־קערט מיט דייטשען.

„אין לעצטען יאָהר, ווען איך בין געזעסען אין זאַכסענהאַוזער קאָנ־צענטראַציע־לאַגער, האָב איך געאַר־בייט צוזאַמען מיט א רייהע דייטשען, וועלכע זיינען געווען מיינע גוטע פריינט. איינער פון זיי איז געווען איינער פון די פיינסטע מענשען, וואָס איך האָב ווען געטראָפען. אין דער פאַר־היטלער־צייט איז ער גע־ווען א מיטגליד פון פּרייסישען לאַנד־טאַג און רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייטונג אין נאָרד־האַוזען. ער איז געזעסען אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער אַכט יאָהר. זיין נאָמען איז געווען יאָהאַנעס קליינ־שפּעהן. זיי אַלע זיינען טויט. מיר האָבען געהערט צו איין אַרבייטס־קאָמאַנדע פון עלטערע מענשען און טיילווייז אינוואַלידען. מיר האָבען שוין ניט געקענט מעהר אַרבייטען, האָט מען אונז אַלעמען געזאָלט ליק־ווידירען. מען האָט אונז באַדאַרפט אַוועקשיקען קיין בערגען־בעלזען. איך בין געזעסען א גאַנצע נאַכט מיט מיינע פריינט און געוואַרט אויף'ן באַפעהל אַרויסצומאַרשירען. איינדער־פריה איז אָנגעקומען א באַפעהל, אַז קיין נאָרוועגער זאָל ניט געשיקט ווערען קיין בערגען־בעלזען. דאָס האָט דער שוועדישער רויטער קרייז אין דער לעצטער מינוט בוכשטעב־ליך מיר געראַטעוועט. די אַנדערע אָבער, די דייטשען, האָט מען אַוועק־געשיקט. זיי זיינען אַלע טויט. אָבער זיי האָבען געהאַט קינדער. מען קען גוטע מענשען טויטען, אָבער מ'קען דאָס גוטע ניט טויטען. איך גלויב אין א נייעם דור אויך אין דייטשלאַנד."

ווי די לעזער וועלען זיך ערמאָנע־רען, האָט דעם זעלבען געדאַנק ניט לאַנג צוריק אויסגעדריקט אויך לעאָן בלום אין זיינע צוויי אַרטיקלען אין אונזער „פאָרווערטס".

ס'איז א פאַקט, אַז פאַר דער מלחמה איז די מעהרהייט פון די פּאָליטישע געפאַנגענע אין די נאַצישע טורמעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערען באַשטאַ־נען פון דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען און קאָמוניסטען. וועגען די טויזענטער דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וואָס האָבען זיך געפונען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערען, וואו די מער־סטע פון זיי זיינען אומגעקומען, האָ־בען געשריבען אויך דר. בענעדיקט קאַוטסקי, קאַרל קאַוטסקי'ס זוהן, און פילע אַנדערע ניט־אידען, וועלכע זיי־נען אַליין יאָהרענלאַנג דאָרט געזעסען צוזאַמען מיט די דייטשען (די אידישע געפאַנגענע האָט מען אין די מלחמה־יאָהרען געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע געפאַנגענע).

די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז, ווי אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, באַגאַנגען א סך פעהלערען. זי האָט אָבער קיינמאָל ניט פאַרראַטען איהרע פּרינציפּען. זי האָט קיינמאָל ניט געשלאָסען קיין פאַראייניגטע פראָנטען מיט די נאַצים און האָט גיים־טיג קיינמאָל ניט קאַפּיטולירט פאַר'ן שונא. עס איז א היסטאָרישער פאַקט, אַז קיין איינציגער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פיהרער און קיין איינ־ציגער פון אידע מעהר־אָדער־ווייניגער אָנגעזעהענע טוער איז, ניט געקוקט אויף דעם שרעקליכסטען טעראָר, ניט אַריי־בער אין דעם לאַגער פון'ם שונא, ווי דאָס האָט, לײדער, יאָ פּאַסירט אין מאַנכע אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען פון אייראָפּע.

גלייך ווי דער נאַצי־רעזשים איז געפאַלען, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד ווידער אויפגעלעבט. איהרע אָרגאַניזאַציעס זיינען צוריק אויפגעבויט געוואָרען, הויפּטזעכליך פון די יעניגע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכע זיינען פון די אַמעריקאַנער און ענגלישע סאָלדאַטען באַפרייט געוואָרען פון היטלער'ס קאָנ־צענטראַציע־לאַגערען, איידער די נאַ־צים האָבען באַוויזען זיי צו ערמאָרדען, און פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, וועלכע האָבען נאָך דער פאַרניכטונג פון דעם היטלער־רעזשים זיך צוריקגע־קערט קיין דייטשלאַנד פון דער עמיג־ראַציע. און עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס פּונקט ווי נאָך דער ערשטער מלחמה, אַזוי אויך נאָך דעם צווייטען וועלט־קריג, האָט יעדע פּאַרטיי, אויי־סער דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער, געביטען איהר נאָמען. פון דער פרי־הערדיגער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָרען די „דויטש־נאַציאָנאַלע פּאַר־טיי"; די פריהערדיגע „פרייזיניגע פּאַרטיי" האָט זיך א נאָמען געגעבען „דעמאָקראַטישע פּאַרטיי"; פון דער „נאַציאָנאַל־ליבעראַלער פּאַרטיי" איז געוואָרען „דייטשע פאָלקס־פּאַרטיי" א. אַז. וו. פּונקט ווי נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַזוי האָט אויך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה יעדע פון די פריהערדיגע פּאַרטייען אָנגעטאָן אויף זיך א נייע מאַסקע און זי עקזיס־טירט אונטער א נייעם נאָמען. דעם מאָל באַטייליגען זיך אויך די קאָמו־ניסטען אין דעם מאַסקעראַד. זייער פּאַרטיי רופט זיך איצט „סאָציאַליס־טישע איינהייטס־פּאַרטיי". נאָר די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געבליבען ביי איהר אַלטען נאָמען און, ביי איהרע אַלטע פּרינציפּען און זי באַהאַלט ניט איהר אַלט געזיכט. זי איז פיל שוואַ־כער און אָרימער ווי זי איז געווען פאַר דער היטלער־איבערקעהרעניש; זי איז אָבער אויך איצט די צווייטע גרעסטע פּאַרטיי אין דייטשלאַנד.

וואָס אַזוינס שטעלט מיט זיך פאָר די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איצט, פינף יאָהר נאָך דער מלחמה? ווער זיינען איהרע איצטיגע פיהרער און וואָס איז זייער פּראָגראַם? איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי טאַקע געוואָרען שטאַרק נאַציאָנאַליס־טיש? וואָס איז איהר שטעלונג צו אַמעריקע און צו די אַנדערע לענדער? וואָס איז איהרע באַציהונג צו אידען? — וועגען דעם אַלעם אין א צווייטען אַרטיקעל.

---

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

„ער הערט ניט וואָס מען רעדט צו איהם", האָט מעקס געגעבען א טראַכט וועגען זיין פריינט, און ער האָט גע־כאַפּט אויף איהם א זייטיגען קוק.

„ס'איז ניט דער זעלביגער סעם. ער איז דאָך שטענדיג געווען אַזוי פאַר־קאַכט, אַז דער פאַראיין זאָל וואַקסען און ווערען גרויס... און אַלע מאָל האָט ער געהאַט א וואָרט צו זאָגען וועגען דעם".

און מעקס האָט שוין איצט גאָרניט געפונען פון וואָס צו רעדען מיט זיין פריינט, סעמ'ען.

---

עס איז עלינאָר'ן אָנגעקומען שווער איידער זי האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך צו געהן זעהן זיך מיט איהר טאַטען. זיין בריף איז אָנגעקומען צו איהר אין האַנט. זי האָט איהם אַרויסגענומען פון בריף־קעסטעל איידער די מאַמע האָט עס דערזעהן. נאָר זי האָט דערוויל זיך אָפּגעהאַלטען צו דערצעהלען וועגען דעם איהר מאַמע'ן.

זי איז נאָך אַלץ געווען ביטער אַנט־קעגען איהר טאַטע'ן פאַרוואָס ער האָט איהר און איהר מאַמע'ן איבערגעלאָזען אַזוי. אין דער זעלבער צייט האָט זי געפיהלט, אַז זי מוז איהם זעהן. אפשר איז ער גאָר קראַנק... ער ליגט ערגיץ אין א שטוב איינער אַליין, פאַרטרוי־ערט... און עס האָט איהר וועה גע־טאָן דאָס האַרץ פאַר איהם.

פון איהר מאַמען האָט עלינאָר איינמאָל צופעליג אויפגעכאַפּט א וואָרט, אַז אַנצוהערעניש, אַז אפשר איז ער גאָר אַוועק פון שטוב צוליב א געליבטע. זי האָט אַזש אויפגעציטערט אין זיך מיט אַנטריסטונג: „מיין טאַ־טע, מיט א פרעמדער פרוי, א גע־ליבטע!" אויב דאָס איז אַזוי וויל זי מיט איהם ניט האָבען צו טאָן.

אין יענעם טאָג, וואָס זי האָט באַ־שלאָסען יע איהם געהן זעהן, איז זי פון סקול גלייך געקומען א היים. זי האָט אָפּגעגעסען סאַפּער, זיך אַרומ־געדרעהט א ווײלע איבער'ן שטוב שטאַרק צוטראָגען. דער מאַמען אי־רער האָט זי גאָרניט געזאָגט. זי האָט מורא געהאַט זי וועט איהר ניט לאָ־זען געהן. זי איז אויף גיך אַרויס פון שטוב, גענומען די סאָבוועי און גע־פאָהרען דאַון טאַון. זי האָט דעם גאַנ־צען וועג איבערגעטראַכט אַלערליי שלעכטע זאַכען וועגען איהר טאַטען. אָדער ער ליגט קראַנק, אָדער זי וועט איהם טרעפען מיט א פרעמדער פרוי.

אַט זעהט זי שוין די גאַס, וואו ער וואוינט. דאָס האַרץ האָט איהר שטאַרק געקלאַפּט. זי האָט אויפגע־זוכט דעם נומער פון דער הויז און זי האָט אָנגעקלונגען. סערע, מעקס'עס ווייב, האָט איהר געעפענט די טיר.

— דאָס איז אוודאי מיס ריווקין.

— האָט זי צו עלינאָר'ן געזאָגט מיט איהר פריינדליכען קול. זי האָט עס פאַרשטאַנען, ווייל סעם האָט געהאַט איבערגערעדט, אַז ער ערוואַרט זיין טאָכטער. עס איז געווען באַלד נאָך סאַפּער און די פאַמיליע איז נאָך אַלץ געזעסען אַרום טיש. סעם איז אויפ־געשפּרונגען פון אָרט:

— עלינאָר!

— פּאַ! — און טאַטע און טאָכ־טער זיינען צוגעפאַלען איינע צו די אַנדערע אין די אָרעמס. סעם האָט אַרומגעקוקט זיין טאָכטער מיט זשעד־נע אויגען ווי צו אויסגעפינען אויב עס איז עפּעס ניט געמינערט געוואָ־רען פון איהר פאַר דער צייט וואָס ער איז ניט געווען מיט איהר. און עלינאָר האָט געכאַפּט א קוק איבער'ן שטוב. געזעהן, אַז דאָס איז א גע־וועהנליכע, גוטע שטוב, מיט פריינד־ליכע מענשען און עס איז איהר גרינ־גער געוואָרען אויפ'ן האַרצען. סערע האָט זיך אָפּגערופען צו זיי:

— איהר קענט ביידע אַריינגעהן אין ליווינג־רום. ס'איז דאָרט איצט קיינער ניטאָ.

— ניין, מיר וועלען אַריינגעהן צו מיר אין צימער, — האָט סעם א צו־טראָגענער אַרויסגערעדט. ער האָט גענומען עלינאָר'ן פאַר דער האַנט, אַריינגעפיהרט איהר צו זיך.

— אַט דאָ וואוין איך — האָט ער מעלאַנכאָליש געשמייכעלט צו עלי־נאָר'ן.

זי האָט אַרומגעקוקט דאָס צימער, געזעהן די ריינליכקייט און אָרדענונג. ווייסע, געפּרעסטע פאַרהענגלעך אויף דעם פענסטער, אַז אייזערנע בעטעל נעט און שעהן צוגעבעט.

— ס'איז א פיינער צימער, — האָט עלינאָר אַרויסגערעדט, נאָר איהר קול האָט זיך עפּעס איבערגעריסען. זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטען פון צעוויינען זיך און געפּרואווט אַריינ־אָטעמען אין זיך די טרערען, אַז דער טאַטע זאָל דאָס ניט זעהן.

— מען דאַרף ניט, טאָכטער, — האָט ער אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף איהר אַקסעל, און זיין אייגענער קול איז אויך געווען אָנגעלאָדען מיט גע־וויין.

איצט זיינען זיי ביידע געזעסען אויפ'ן בעטעל און געשוויגען שטיל א לאַנגע ווײלע. סעם האָט דאָך גע־האַט אַזוי פיל צו זאָגען זיין עלי־נאָר'ן, נאָר ער האָט איצט ניט גע־קענט אַרויסברענגען פון זיך קיין רייד. שפּעטער א ווײלע האָבען זיי יע צוויישען זיך געשמועסט, אַלץ פון זייטיגע זאַכען. עלינאָר האָט איהם דערצעהלט פון סקול. זי איז שוין גע־ווען אין לעצטען טערמין. עס איז איצט געווען פאַר די עקזאַמענס.

— דו אַרבייטסט שווער, עלינאָר...

— ניין, פּאַ. ווי אַלעמאָל.

— איך ווייס, דו האָסט א גוטען קאָפּ. איך געדענק דאָך...

— און דו, פּאַ, ווי פיהלסטו זיך?

— אַט, ווי אַלע מאָל. מען אַרבייט, ווייסטאָך...

„ניט היינט. אַן אַנדערש מאָל וועט ער מיט איהר רעדען".

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע, זיצענדיג אַזוי אויפ'ן בעטל. עלינאָר'ן האָט זיך געדאַכט, ווי איהר טאַטענ'ס פּנים איז אָפּגעמאָגערט גע־וואָרען, אויסגעבלייכט. נאָר זיינע אויגען האָבען געקוקט צו איהר ווי אַלע מאָל, מילד, ווי ער וואָלט איהר גע־צערטעלט. ער האָט אויפגעהויבען א האַנט און געגלעט איהר איבער'ן קאָפּ, איבער איהרע טונקעלע, צעלאָקטע האָר. זי האָט דערפיהלט זיין וואַכ־זאַמקייט, זיין זאָרגען זיך וועגען איהר, און עס איז עלינאָר'ן געוואָ־רען גוט פון דעם, אַזוי ווי א מאָל ווען זי איז נאָך געווען גאָר יונג. ער פלעגט איהר נעמען אויפ'ן שויס און ער פלעגט איהר וואונדערליכע מעשיות דערצעהלען. זי פלעגט אַנשפּאַרען דעם קאָפּ אויף זיין אַקסעל און זיך פּיעס־טשען פאַר איהם...

לאַנג זיינען זיי דאָ אַזוי געזעסען, דער טאַטע און זיין טאָכטער, און ניט געקענט זיך אָפּרייסען איינע פון די אַנדערע ביז עס איז געוואָרען שפּעט.

— איך וועל שוין געהן אַהיים, — האָט עלינאָר געזאָגט, און זי האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט. סעם האָט זיין טאָכטער אָנגענומען פאַר א האַנט.

— עלינאָר...

— יעס, פּאַפּאַ.

— זאָג מיר צו טאָכטער... זאָג מיר צו, אַז ווען דו וועסט ענדיגען האַי־סקול וועסטו ניט איבעררייסען דאָס לערנען. דו וועסט אַריינטרעטען אין קאָלעדזש.

עלינאָר האָט אויפגעהויבען צו איהם איהרע אויגען, וואָס זיינען גע־ווען פאַרלאָפען מיט א טרער און זי האָט א ווײלע געשוויגען:

— יעס, פּאַפּאַ, איך זאָג דיר צו. — האָט זי אַרויסגערעדט מיט א פאַר־שטיקטען קול.

פון אַלטער געוואוינהייט האָט סעם זיך א נעם געטאָן צו דער קעשענע, נאָר עלינאָר האָט איהם אָפּגעווענדט:

— מען דאַרף ניט, פּאַ, אַן אַנ־דערש מאָל. — און סעם האָט זיך אַנטקעגען זיין טאָכטער מאָדנע פאַר־שעמט. ער האָט אַרויסגערעדט מיט אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ:

— קיין געלט וועט דיר ניט פעה־לען, ווען דו וועסט נאָר דאַרפען...

עלינאָר האָט פאַרשפּיליעט דעם מאַנטעל און נאָך געשטאַנען א ווײלע:

— וואָס זאָל איך זאָגען דער מאַ־מען, פּאַ?

— איך ווייס ניט — האָט סעם זיך א כאַפּ געטאָן. ער האָט א ווײלע א טראַכט געטאָן, — זאָג איהר גאָר־ניט...

זיי האָבען זיך געזעגענט. סעם האָט אַריינגענומען עלינאָר'ס פּנים אין זיי־נע הענט און איהר א קוש געטאָן:

— געה געזונט, טאָכטער.

און ער האָט נאָך אַמאָל איהר א גלעט געטאָן איבער'ן קאָפּ מיט א צי־טערדיגער האַנט.

(ווייטערעס — מאָרגען)

---

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

## די שטורעמדיגסטע יאָרן פון טאָלסטאָי'ס פאַמיליען-לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס-ראָמאַן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.

פון לעאָן קרישטאָל



(פארטזעצונג פון פרייטאג)

דער אידישער סטודענט פון קיעווער אוניווערזיטעט, וועלכער דערצעהלט אין זיין בריף צו טאָלסטאָי'ען, אז ער האט דריי טעג פאר זיין חתונה אויסגעפונען, אז זיין כלה, „אן ארימע געבילדעטע מיידעל" האט געהאט א יאהר צייט פארבינדונגען מיט אן אנדער יונגענמאן, מעלדעט אין דעם זעלבען בריף, אז ער האט דאך מיט איהר געהייראט אין דעם באשטימטען טאג. די אנגעגעבענע אורזאכען פארוואס ער האט זיך פון איהר נישט אפגעזאגט קלינגען זעהר אידישלעך. „מיין כלה'ס עלטערן, — שרייבט ער דארטען, — האבען זיך רואינירט אויסגעבענדיג אלץ וואס זיי האבען פארמאגט אויף ציצוגרייטען די חתונה". וועגען דער כלה אליין זאגט ער, אז ווען ער זאל זיך געווען אפזאגען צו הייראטען מיט איהר, וואלט זי עס נישט געווען איבערגעלעבט. ער האט דעריבער מיט איהר חתונה געהאט „אום אראפצונעמען פון איהר דעם פלעק פון איהר פארגאנגענהייט". נאך דער חתונה האט ער פאר איהר אויפגעדעקט אלץ וואס ער האט געוואוסט. זי האט צוערשט געלייקענט, אבער אז ער האט איהר געוויזען דעם בריף פון יענעם יונגענמאן, האט זי זיך מודה געווען. ער האט אנגעהויבען שרעקליך צו ליידען. ער האט ניט געקענט פארגעסען איהר פארגאנגענהייט. ענדליך האט ער זי אוועקגעפירט צו איהרע עלטערן קיין אדעס און האט זי איבערגעלאזט. אליין איז ער אוועק פון איהר מיט'ן געראנק זי אפצו'גט'ן, אבער ער האט ניט געקענט פועל'ן ביי זיך צו מאכען דעם אנטשידענעם שריט און ער האט זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען נאך אן עצה.

אין איינקלאנג מיט זיין לערע, האט טאָלסטאָי דעם אידישען יונגענמאן געענטפערט: „איך בין ניט אימשטאנד אייך צו געבען קיין עצה. ניט איך וויל ניט, נאר איך קען טאקע ניט. איך האב אנגעהויבען צו שרייבען צו אייך אויספירליך, נאר ס'איז מיר ניט געלונגען. אלץ ווענדט זיך אן אייך אליין, אן דעם גראד פון אייער ליבשאפט צו אלץ וואס איז גוט אין אלע מענשען און ניט צו זיך זעלבסט."

אהן א שיעור מענשען, וואס האבען געלייענט טאָלסטאָי'ס „קרייצער סאנאטא" און זיין ראמאן „וואסקרעסעניע" (תחית המתים), האבען געפיהלט די אומגעהויערע אויפריכטיגקייט און דעם טיפען מיטגעפיהל פון דעם שרייבער צו אזעלכע וואס ליידען איבער זייערע ליבעס-באציהונגען און אז זיי זיינען אליין געווען אין אן עהנליכער לאגע, האבען זיי זיך געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען ווי צו אן אייגענעם.

אויף אזעלכע בריף האט טאָלסטאָי געוועהנליך געענטפערט, אמאל בקיצור, אמאל אויספירליך, ארויסגעענדיג נאטירליך פונ'ם שטאנדפונקט פון זיין לערע. אזוינע בריף זיינען צו איהם אנגעקומען אין אן אומגעהויערער צאל אין די יאהרען, ווען ער האט שוין געהאלטען, אז צו זיין אן ערליכער וועגוויזער פאר מענשען איז וויכטיגער ווי צו זיין א שרייבער פון די בעסטע ראמאנען אין דער וועלט. צוליב די שווערע ערפארונגען וואס ער אליין האט געהאט אין זיין פארהייראטען לעבען, האט ער געוועהנליך גערן געענטפערט די אלע וואס האבען ביי איהם געבעטען עצות אין פארבינדונג מיט'ן פאמיליען-לעבען. א סך פון די בריף דעקען-אויף גרויסע לעבענס-דראמעס, און אט איז א „מוסטער" פון אזוינע בריף צו טאָלסטאָי'ען און זיין ענטפער. דער בריף איז פון א פרוי און זי שרייבט:

„הויכגעשעצטער ליעוו ניקאלאיעוויטש! איך ווענד זיך צו אייך מיט א גרויסער ביטע. איך בין זיכער, אז איהר זענט גרייט צו העלפען אלע וואס ליידען און אז איהר וועט זיך ניט אפזאגען צו געבען מיר אן עצה.

„איך בין פארהייראט 13 יאהר. איך האב צוויי קינדער, א מיידעלע פון 12 יאהר און א אינגעלע פון 6. איך האב געהייראט אויס ליבע און איך האב געליבט שטארק, ריין—אזוי ווי ליבע דארף זיין. איך האב געליבט אפילו די פעלערן, וועלכע זיינען פאראן אין יעדען מענשען.

„איך האב געטאן מיין ארבייט און, ווי ווייט מעגליך, האב איך ארויסגעהאלפען מיין מאן. איך האב מיין צייט און מיה ניט געזשאלעוועט און אויסגעגעבען געלט האב איך נאר אויף דעם נויטיגסטען, כאטש עס איז געווען גענוג, אז איך זאל קענען מעהר אויסגעבען. עס האט זיך מיר אלץ געדוכט, אז איך טו ניט גענוג. עס האט זיך מיר געוואלט אויפטאן גרויסע זאכען. קיין העלדישקייטען ביים אויפציהען די קינדער און ביים פירען א ווירטשאפט קען מען אבער ניט באווייזען און איך האב זיך געמוזט צופרידענשטעלען מיט א שטילען פאמיליען-לעבען. אויך דאס איז געווען גוט. צוליב פאמיליען-אומשטענדען האבען מיר זיך אריבערגעצויגען פון דארף אין שטאט אריין, און ס'איז שוין באלד א יאהר, אז מיר וואוינען צוזאמען מיט מיין מוטער און מיט מיין שוועסטער, וועלכע איז 23 יאהר אלט.

„ניט לאנג צוריק האב איך אויסגעפונען, אז מיין מאן לעבט מיט מיין שוועסטער. דאס האט מיך געטראפען ווי א דונער. איך האב געוויינט, געפאלען איהם צו די פיס און איהם געבעטען, אז ער זאל מיר זאגען דעם אמת — פארוואס זאל ער מיך אפנארען: אויב ער האט זי ליב, זאל ער מיר זאגען און איך וועל אוועקגעהן.

„ער האט מיר דארויף געענטפערט, אז ער האט זי ניט ליב, און מיך האט ער גערופען „הייליגע, זויבערע". מיט איהר, — האט ער געזאגט, — לעבט ער דערפאר וואס ער איז אן עקעלהאפטער מענש און אז איך דארף ניט אוועקגעהן. אויב איך וויל דורכאויס איהם פארלאזען, וועט ער מיר ניט שטערען, אבער אויב איך ליב איהם, זאל איך איהם ליבען אזעלכען ווי ער איז.

„די שוועסטער מיינע האט זיך אויך מודה געווען, אז זי האט זיך בלויז געשפילט אין ליבע, אבער ערנסט ליבט זי איהם ניט און זי האט געזאגט, אז זי וועט זיך באמיהען איבערצורייסען די באציהונגען מיט איהם. דאס זעלבע האט אויך מיין מאן פארשפראכען. איך זעה אבער, אז אלץ איז ביי זיי ווי עס איז פריהער געווען. לעבענדיג אין איין הויז און אין ענגשאפט, קומט מיר אויס אויף שריט און טריט זיך אנצושטויסען אויף זייערע אינטימע באציהונגען. מיינע ליידען זיינען גארניט צו באשרייבען, באזונדערס דערפאר וואס איך צווינג זיך אנצונעמען די צערטליכקייטען פון מיין מאן ווען די שוועסטער מיינע האט ניט קיין באגער. זאל איך אבער ניט אננעמען זיינע צערטליכקייטען, האב איך מורא, אז איך וועל איהם טרייבען צו נאך ערגערען. די אנדערע אין הויז ווייסען פון גארניט און איך וועל זיי ניט דערצעהלען. איך ווייס זעהר גוט, אז זיי קענען מיר ניט העלפען. איך קען זיך אבער אליין קיין עצה ניט געבען.

„זאל איך איהם פארלאזען? מיט וואס וועל איך אויסהאלטען די קינדער? מיין מיידעלע האט שוין דאס יאהר אנגעהויבען געהן אין גימנאזיע. און צי איז איבערהויפט רעכט אז איך זאל אוועקרייסען די קינדער פון פאטער?

„זאל איך שטארבען? וואס וועט ווערען פון די קינדער? וואוינען צוזאמען און דולדען? ווייס איך אויך ניט צי עס איז ריכטיג אזוי צו טאן. עס קען זיין אז ניט. בייטאג און ביינאכט טראכט איך אלץ וועגען דעם. איך פייניג זיך און איך טראכט ווידער און ווידער, און איך ווייס ניט וואס צו טאן. איך זעה, אז דער מאן ליידעט אויך, אבער די אורזאך פון זיינע ליידען ווייס איך ניט, ער זאגט מיר ניט. אין אלגעמיין, באמיהען מיר זיך איצט ניט אנצורירען די פראגע. פון כאראקטער איז ער א שטילער, ניט קיין אויסברענגער, א פלעגמאטישער.

„אייער לערע זאגט, אז מען זאל זיך ניט געגענשטעלען דעם שלעכטס. איך קען זיך אבער ניט פאנאנדערקלייבען צי דאס קען אנגעווענדעט ווערען אין מיין פאל.

„אין נאמען פון אלץ וואס איז הייליג, בעט איך אייך: גיט מיר אן עצה וואס איך זאל טאן, ווי אזוי איך זאל האנדלען. איך האב צוטרוי צו אייך. אייער ווארט וועט ביי מיר זיין א געזעץ. וואס איהר זאלט מיר ניט ראטען צו טאן, פיהל איך אז מיר וועט דאס ניט זיין שווער דורכצופירען.

„איך וועל קיין זאך ניט טאן ביז איך וועל ניט קריגען אן ענטפער פון אייך. אייער עצה וועט ביי מיר זיין ווי א נדבה, וואס איהר זיינט שטענדיג גרייט צו געבען צו אן ארימען מענש. פיליכט בין איך ביי אייך אין די אויגען ניט ארים, אבער איך בעט אייך, אין יעדען פאל, אז איהר זאלט מיך אויפקלערען. אויך דאס וועט זיין א נדבה. איך בעט זיך ביי אייך, אז איהר זאלט מיר העלפען. אזוי לאנג ווי איך וועל לעבען, וועל איך בעטען גאט פאר אייער געזונט. פון מיר, די אומגליקליכע פרוי, וועלכע פיהלט צו אייך מעהר אכטונג ווי צו וועמען עס איז אין דער וועלט."

אויף דעם דאזיגען בריף האט טאָלסטאָי געענטפערט:

„אייער לאגע איז א ביטערע, און איך פיהל אייך מיט פון גאנצען הארצען. מיין עצה באשטעהט אין דעם, אז איהר זאלט ווייטער אנהאלטענדיג אייער גוטע באנעמונג צום מאן, איהם ערקלערען ווי שרעקליך-שווער עס איז פאר אייך איבערצוטראגען אייער לאגע. דער עיקר אבער איז, אז איהר זאלט איבעררייסען אייערע באציהונגען אלס מאן-און-ווייב.

„ווען איהר האט ניט קיין קינדער, וואלט איהר ניט נאר געמעגט, נאר איהר וואלט געדארפט פארלאזען דעם מאן. אונטער די איצטיגע אומשטענדען זענט איה' אבער צוגעבונדען צו איהם. אייער לעבען איז א לעבען פון פיין, און אויב איהר וועט דאס אלץ איבערטראגען שטיל און אין פיזישער אפגעזונדערטקייט פון איהם, איז זעהר מעגליך, אז העכסט-ווארשיינליך, אז דאס וועט ווירקען אויף איהם און אויף אייער שוועסטער, אז זיי זאלען זיך בארענקען.

„איך ווינש אייך, אז איהר זאלט האבען די גייסטיגע קרעפטען איבערצוטראגען אייערע ליידען און איך בין זיכער, אז ווי שווער עס איז אייער לאגע, וועט זי פארוואנדעלט ווערען אין גוטס פאר אייך, פאר אייער מאן און פאר אייער שוועסטער, אויב איר וועט אלצדינג איבערטראגען מיט ליבשאפט און אין שטילקייט."

דעם ענטפער וואס טאָלסטאָי האט געגעבען יענער אומגליקליכער פרוי איז נאך א באווייז ווי טיף עס איז אפט געווען דער אפגרונט צווישען דעם וואס טאָלסטאָי האט געפרעדיגט און דעם וואס ער האט „פראקטיצירט" אין זיין אייגענעם לעבען. אנטקעגען יענער פרוי'ס פאמיליען-אומגליק איז דאך די ראמאנטישע באנעמונג פון טאָלסטאָי'ס ווייב צו טאנעיעוו'ן געווען פארהעלטניסמעסיג קליין און אומוויכטיג, אבער אין דער צייט וואס ער האט דער פרוי געראטען איבערצוטראגען אלץ „מיט ליבשאפט און אין שטילקייט", האט ער אליין אזוי געשטורעמט און געקערט וועלטען פון אייפערזוכט.

דער דאזיגער ווידערשפרוך צווישען זיינע פרינציפען, זיין גלויבען און זיין פערזענליכען לעבען, האט איהם געמאטערט אהן אויפהער. ער האט זיך אבער געטרייסט מיט דעם באוואוסטזיין, אז ער סטארעט זיך און אז ער קומט אלץ נעהענטער צו דער שטופע פון פאלקאמענהייט, צו וועלכער יעדער מענש דארף שטרעבען.

(ווייטערס — מיטוואך)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

קאפיטעל 5.

— אי העיט די נעיבארהוד (איך האס דעם געגענט, וואו מיר וואוינען), די מענשען זיינען דא שלעכט, — האט עלינאר איינמאל געזאגט צו איהר מאמען.

— וואס איז עפעס פלוצלונג? — האט בעלא שארף אנגעקוקט איהר טאכטער, — אימיצער האט דען דיר עפעס געזאגט?

— ניין, גארניט. נאר איך גלייך ניט זייער קוקען אויף מיר.

— וואס ארט דיר, זאלען זיי קוקען, — האט בעלא געפרואווט איהר טאכטער בארוהיגען, — זאלען זיי טאן וואס זיי ווילען. ווער קערט פאר די שכנים, איך מאך פון זיי קיין לעבען ניט, — האט בעלא אויך גערעדט מיט א כעס אין זיך.

אז עלינאר איז דורכגעגאנגען די גאס האט זיך איהר טאקע געדאכט ווי מענשען שושקען זיך וועגען איהר, אויגען גערען איהר נאך, מען טייטעלט אויף איהר מיט די פינגער. איהר גאנג איז דעמאלט געווארען ווי געלעמט. זי האט זיך געפיהלט ניט פריי און עס איז איהר ענג געווארען די גאס. זי האט דעמאלט קיין צוטרוי ניט געהאט צו די מענשען. און אז אימיצער האט געפרואווט ארויסווייזען גוטסקייט צו איהר, האט זי יענעם ניט געגלויבט. זי איז געווארען א באהאלטענע אין זיך, אויף קיינעם ניט געוואלט זיך פארטרויען, אפילו מיט איהר אייגענער מאמען איז זי ניט אלע מאל געווען אפען, פארטרויליך. א סך מאל האט זי געבענקט צו זיין נאך א קליין קינד און גארניט פארשטעהן. דעמאלט ווען איהר טאטע-מאמע האבען געציטערט איבער איהר, געקוקט איהר אין די אויגען, דעמאלט איז איהר געווען גוט...

פון סקול האט זיך איהר ניט געגלוסט צו געהן אהיים. זי פלעגט זיך פארזיצען אין ביבליאטעק אדער אוועקגעהן צו א חבר'טע און דארט איבערזיין דעם אווענט. עלינאר האט ניט געוואלט אפשטעהן פון די מיידלעך, איהרע חבר'טעס, און זי האט געקענט שטיפען און לאכען אינאיינעם מיט זיי. נאר א סך מאל איז זי געבליבען זיצען א צוגעשטילטע, מיט א געפיהל, אז זי איז ניט ווי אלע...

זי האט געזעהן אין די היימען פון איהרע חבר'טעס א סך ווארימקייט און גוטסקייט פון איינעם צום אנדערען. דער טאטע איז פון דער ארבייט געקומען אהיים און די גאנצע משפחה איז געזעסען ארום טיש ביים סאפער. א פריידליכקייט האט זיך דעמאלט געשפרייט איבער'ן שטוב. אין א זונטאג אדער אין א יום-טוב איז דארט גאר געווען פרעהליך, און עלינאר האט אפט אויסגעמיטען געהן אהיין. זי איז אין דער שטיל, אין זיך, מקנא געווען יעדע מיידעל, וואס האט א ריכטיגע היים.

אין דער אייגענער צייט איז אין איהר אויפגענומען א פארקערטער געפיהל, אז זי איז העכער און בעסער פון די אנדערע מיידלעך. אז זיי האבען וועגען עפעס זיך געשפארט, האט געמוזט זיין ווי זי זאגט. און אז מען האט זיך געקליבען געהן, אלע אין א מואווי, האט מען נאר געמוזט געהן אהין, וואו עלינאר האט אויסגעקליבען, אז ניט האט זי זיך באלד אנגעברוגז'ט.

די חבר'טעס איהרע האבען געוואוסט איהרע חסרונות, נאר זיי האבען איהר ליב געהאט פאר איהר אינטעליגענץ און איהר שארפקייט. אמאל נאר האט אימיצער פון די מיידלעך פראטעסטירט און זי האט געזאגט:

— שוין, עלינאר איז שוין צודרעהט, זי איז שוין אין א שלעכטען „מוד".

— ליוו האר עלאון! (לאז איהר צורוה) — האט באלד אן אנדער מיידעל זיך אפגערופען. מיט איהר נאטור — איבער סענסיטיוו, האט עלינאר ניט געוואלט, אז מען זאל האבען איינזעהעניש מיט איהר. א קוק פון מיטלייד, א ווארט פון מיטגעפיהל האט איהר אויפגערעגט און בייז געמאכט.

די חבר'טעס עלינאר'ס זיינען געווען אין די זעלבע יאהרען וואס זי, די צייט פון צעבליהען זיך און ווערען רייף, ווען די קאפ איז פול מיט מיידעלשע חלומות, מיט אויפגעוואכטע אומקלארע פארלאנגען. די מיידלעך האבען דעמאלט אזוי פיל געהאט פון וואס צו דערצעהלען איינע פאר די אנדערע, פון סודות וועגען אן אוואנטיורע — דעם ערשטער „דעיט" מיט א באי.

עלינאר האט עפעס ניט געקענט זיין צו אינטים מיט א חבר'טע, און זעלטען ווען האט זי זיך פארטרויט זיי פון דעם וואס זי לעבט דורך. „זיי וועלען דאס ניט פארשטעהן", האט זיך איהר אלץ געדוכט.

אם בעסטען האט זי זיך געפיהלט ווען זי איז געווען אליין מיט זיך. דעמאלט האט זי זיך געקענט אפגעבען צו איהרע באליבטע חלומות, די „דעי דרימס". עס וועט קומען אימיצער א מאן, א הויכער, א שעהנער, א העלד, ער וועט איהר אוועקנעמען פון איהר היים און זי וועט זיין זיין געליבטע...

עס האט פאסירט, אז עלינאר איז געקומען פון סקול און די מאמע איז ניט געווען אין דער היים. אין שטוב איז דעמאלט אומהיימליך-שטיל געווען. זי האט אנגעצונדען אלע לאמפען, זיך אוועקגעלאזען איבער דער שטוב. זי האט צעעפענט שופלאדען, איבערגעמישט די גאנצע באלעבאטישקייט דער מאמעס. אט האט זי געפונען א שטיק קאלירטע, זיידענעם שטאף. זי האט זיך געשטעלט אנטקעגען שפיגעל, זיך איינגעוויקעלט אין דעם זייד. זי איז צוגעלאפען און אנגעשטעלט די ראדיא און א בלייכע, א דינע, מיט די טונקעלע, צעלאזענע לאקען-האר האט זי זיך אוועקגעלאזען אין א טאנץ, א שוועבענדיגע זיך געדרעהט ווי אין חלום, און עס איז איהר דעמאלט געווען גוט.

אז בעלא, די מאמע עלינאר'ס, איז דעמאלט געקומען צו געהן איז זי א ווייליע געבליבען שטעהן אן איבערגעשראקענע. זי האט אנגעשריען אויף איהר טאכטער:

— עלינאר, הער אויף, איך האב מיינט אז דו מאכסט זיך משוגע!

און עלינאר, ווי אן אויפגעוואכטע פון שלאף, האט זיך פאר איהר מאמען פארשעמט.

---

בעלא, די מאמע עלינאר'ס, איז אין יענער צייט ווייניג געזעסען אין דער היים. זי האט געפלאנט אליין עפעס אנהויבען טאן, צו פארדינען געלט. סעם האט אלע וואך אריינגעשיקט א טייל פון זיינע פארדינסטען, נאר דאס איז ניט געווען גענוג. איהר געדאנק האט איצט וועגען אויף נעמען זיך צו עפעס א ביזנעס, עפענען א סטאר אדער נעמען א הויז אויף צו פארדינגען צימערען. זי האט געהאט אביסעל געלט אפגעשפארט אין באנק אויף איהר נאמען. זי האט אלע מאל געוואוסט, אז זי האט א „טשוקע" צו ביזנעס. זי וועט נאך ערשט פארנאנדערנעמען די הענט. זי וועט איהם ווייזען, איהר מאן, ווי אזוי מען דארף לעבען...

אין דער זעלבער צייט איז דער צארן אויף איהם ניט געשטילט געווארען, דער וועהטאג, די עוולה, וואס ער איז אנטקעגען איהר באגאנגען. עס האט זיך אין איהר געשטארקט דער פארדאכט, אז ער האט ערגעץ א געליבטע. זי האט אויפגעכאפט יעדער קלאנג וועגען איהם, געפארשט און געזוכט צו דערוויסען זיך וועגען איהם וואס מעהר. בעלא האט איצט ווייניג מענשען געזעהן פון די, וואס האבען זיי געקענט. די, וואס פלעגען קומען צו זיי אין שטוב, זיינען אלץ געווען סעם'ס פריינט. און איצט האט זיך קיינער פון זיי ניט געוויזען, ווי אפגעשניטען מיט א מעסער. און קיין אייגענע, אינטימע פריינט, האט בעלא זיך ניט דערוואָרבען. צו די, וואס זי האט ארויפגעקוקט, האט זי ניט געקענט דערגרייכען. און די, וואס זיינען געווען ארום איהר, האט זי אפגעשטויסען, געהאלטען זיך העכער פון זיי...

(ווייטערס — מארגען)

# איהר לעצטער וואונש

## א דעטעקטיוו ראמאן

נאכדרוק פארבאטען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" פון

שלמה בן-ישראל

(פארטזעצונג)

א העלישער פייער האט געברענט אין איהר הארץ. זי האט געקריצט מיט די ציין, געביסען די ליפען... די נוירס האט איהר געמוזט איינשפריצען א בארוהיגונגס-מיטעל, אבער מערקווירדיג, עס האט זעהר ווייניג געווירקט.

מר. עראנסאן האט פארבראכען מיט די הענט ביי דער עראינערונג און זיין געזיכט האט זיך אזש פארקרימט פון אינערליכען וועהטאג.

— זי האט געוואוסט, אז זי וועט שוין פון בעט ניט אויפשטעהן — האט ער פארטגעזעצט — זי האט עס געפיהלט... איך גלויב, אז פיליכט האט זי ניט געוואלט שוין מעהר לעבען. איהר לעבען איז געווען צובראכען אויף אייביג. זי האט אבער געהאט איין ברענענדיגען פארלאנג אין איהר הארץ. און ווען איך זאג „ברענענדיגער פארלאנג", מיין איך עס טאקע. זי האט געפיבערט דערמיט. עס האט זי אויפגעריסען. זי האט פון קיין אנדער זאך ניט געקענט טראכטען מעהר, אויסער דערפון.

נקמה! זיך נוקם זיין אן דעם נידערטרעכטיגען מענשען, וועלכער איז אזוי נידעריג געפאלען ניט נאר אין איהרע אויגען, נאר אין די אויגען פון דער גאנצער וועלט. עס איז ניט געווען קיין שטראף הארב גענוג פאר איהם, אפילו דער טויט איז געווען א צו-גרינגע שטראף.

מיט איהרע לעצטע כוחות האט זי זיך געווענדעט צו מיר, פארשווערענדיג מיך, אז איך זאל איהם אויפזוכען און זעהן ער זאל באקומען די פאסענדע שטראף. און כאטש זי האט געהאסט שיינדל'ען ניט ווייניגער פון איהם, האט זי איהר גאנצען כעס און פארדאמונג געווענדעט נאר צו לייזער'ן.

— דו ביסט געווען גוט צו מיר, ווי דו דערצעהלסט, און איך גלויב עס דיר — האט זי גערעדט צו מיר — דו האסט מיך געראטעוועט פון אונטערגאנג, האסט מיר געשענקט דיין לעבען... איך ווייס, אז עס איז אמת, איך גלויב עס דיר... בעט איך דיך דו זאלסט איצט ערפילען מיין וואונש, זאג עס מיר צו, זאג עס מיר צו... זאג מיר ניט אפ...

אומזיסט האב איך אריינגע'טענה'ט אין איהר, אז זי זאל זיך באמיהען צו פארגעסען דאס געוועזענע; איך האב זי געטרייסט, אז זי וועט געזונט ווערען און מיר וועלען ביידע פארלאזען דעם שפיטאל און זיך אומקערען צו א גליקליכען לעבען. זי האט עס ניט געגלויבט און האט ניט געוואלט רעדען דערפון.

— איך ווייס, אז מיינע שטונדען זיינען געצעהלטע... איך פיהל עס — האט זי מיר געזאגט מיט טרערען — אויב דו ביזט טאקע דער יעניגער, פאר וועמען דו האסט זיך פארגעשטעלט, דאן אנטזאג מיר ניט! איך וועל ניט קענען שטארבען רוהיג ביז איך וועל ניט וויסען, אז מיין קריוודע וועט אנגענומען ווערען... דו קענסט עס טאן. זאג מיר עס צו!

איך האב געזעהן ווי זי רעגט זיך אויף, ווי עס עקט זיך איהר נשמה. איך האב געקענט פיהלען דעם ברענענדיגען וואונש פון איהר הארץ און איך בין אליין אנגעשטעקט געווארען מיט דעם געפיהל פון האַס און פאראכטונג צו לייזער בירשאכ'ען, דעם מאן, וועלכער האט ניטערטרעכטיג און מיאוס באהאנדעלט די יעניגע, וועלכע איז מיר געווען אמליבסטען און אמטייערסטען אין מיין לעבען.

און איך האב איהר צוגעזאגט. ניין! ניט צוגעזאגט, נאר געשוואוירען. זי האט פארלאנגט און איך האב איהר פארלאנג ערפילט.

— ווען דו זאלסט אפילו דארפען געהן צום עק-וועלט און ווידמען דיינע אלע יאהרען דערויף! — האט זי געשעפטשעט, און איך האב ווידערהאלט איהרע רייד, ווי אין פארכישופ'טען חלום.

ערשט דאן האט זי זיך בארוהיגט און איהר בלאס געזיכט האט זיך צום ערשטען מאל, זינט איך האב זי דערזעהן נאכ'ן עקסידענט, אויסגעלייטערט אין א שמייכעל.

— איך וועל דיך בענשען ביז מיין לעצטען אטעם — האט זי ארויסגעגעשעפטשעט צו מיר.

— עס קען זיין, אז איך האב ניט געטאן ריכטיג, וואס איך האב איהר צוגעזאגט צו ערפילען איהר וואונש — האט מר. עראנסאן פארטגעזעצט נאך א קורצער פויזע, אפלעהנענדיג זיך אויפ'ן ווענטעל פון שטול און אפזיפצענדיג שווער — עס קען מעגליך זיין, אז ווען איך זאג עס איהר ניט צו, וואלט דער פייער, וואס האט געפלאקערט אין איהר, זי ארויסגעריסען פון די נעגעל פון טויט. זי וואלט דאן אליין געוואלט לעבען, אום צו געפינען לייזער'ן און איהם ווארפען די באשולדיגונג אין פנים אריין, איהם ארויסווייזען איהר פאראכטונג, זוכענדיג איהם צו באשטראפען. יא, עס קען זיין, אז איך האב ניט ריכטיג געהאנדעלט, ווארים נאך מיין צוזאג האט זי זיך בארוהיגט און איינגעשטילט. איהר מיסיע אין לעבען איז ערפילט געווארען אדער, בעסער געזאגט, זי האט עס אנפארטרויט אין גוטע הענט, און דאן האט זי שוין ניט געהאט צוליב וואס צו לעבען.

זי האט זיך אפגעמאטערט נאך דרייסיג שטונדען און די מעהרסטע פון זיי האט זי ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך. איהר ווידערשטאנד איז אפגעשוואכט געווארען. ווי געזאגט, זי האט ניט געוואלט לעבען, ניט געהאט צו וואס... און זי איז אוועק פון דער וועלט אין א צושטאנד פון פארגעסונג, ניט זייענדיג ביים באוואוסטזיין, ניט וויסענדיג וואס מיט איהר טוט זיך...

עס איז געווען אינמיטען דער נאכט, ווען איך האב זיך אויפגעכאפט פלוצלונג מיט שרעק. איהר בעט איז געווען ארומגעצוימט מיט א פארהאנג און דאקטוירים און נוירסעס האבען זיך געשושקעט אין דער שטיל. איך האב באלד פארשטאנען וואס עס האט פאסירט און די וועלט איז אין יענעם מאמענט חרוב געווארען פאר מיר.

(ווייטערס מארגען).

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • • • פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

נאר בעלא איז ניט געווען פון די מענשען, וואס זאלען זיך אונטערגע־בען אזוי גיך. זי האט גענומען זעהן מענשען, אנקניפען נייע באקאנט־שאפט. זי איז נאך ענערגישער געווא־רען ווי פריהער. אין יענע ערשטע טעג ווען סעם איז אוועק פון דער היים איז זי געווארען אפגעלאזען, פארעלטערט. דאס פנים פארגעלט און די האר אהן שום קאליר. איצט האט זי זיך גענו־מען פארריכטען דאס, וואס איז קא־ליע געווארען. זי האט גענומען אפטער זיך ארייינכאפען אין א „ביוטי פאר־לאר". די גרוי־געווארענע האר האט זי געמאכט צוריק שווארץ און די נע־געל פון איהרע קורצע פינגער אפגע־פארבט רויט. אזוי אויך האט זי גע־קענט אויפטאן זאכען מיט איהר פי־גור, וואס האט שוין גענומען אביסעל נאכלאזען.

אז זי איז ארויס אין גאס איז ביי איהר שטענדיג געווען דער דרייסטער און זיכערער שטעל, און אז זי האט גערעדט צו א מענשען האט זי גע־וואלט ווייזען, אז זי איז גוט אויפגע־לעגט. אויף קיין איין מינוט האט זי ניט געטארט פארגעסן ווי זיך צו האל־טען, ווי זי וואלט אויסשפילען אן אקט אויף דער סצענע. אינוועניג אין זיך האט זי נאר געוואונשען, אז סעם זאל איהר זעהן איצט אזא. ווי מונטער זי איז און ווי שטארק, און אז זי דארף איהם ניט האבען...

עלינאר האט אמאל געטראפען איהר מאמען ווי זי איז געזעסען אזוי ביים שפיגעל און געארבייט אויף זיך זי זאל אויסקוקען גוט. האט זי איהר מאמען דורכגענומען מיט איהר בליק אויף דורך און דורך, ווי זי וואלט איהר גע'משפט. בעלא'ן איז פון דעם אזש א קעלט אריבער. זי האט א טראכט געטאן: „דעם טאטענ'ס אוי־גען. זיין קוקעלע".

— וואס זיצטסטו דא אין שטוב דעם גאנצען אוונט? — האט זי זיך א קער געטאן צו עלינאר'ן, — געה אין די מאוויס, געה צו א חבר'טע.

— איך וועל געהן ווען איך וועל אליין וועלען, — ענטפערט זי איהר מאמען א טראציגע. — דו דארפסט מיר ניט פארנאנדערזאגען וואס צו טאן.

בעלא'ן איז איצט שווער זיך אן עצה געבען מיט איהר טאכטער. עלי־נאר איז אפט קריגעריש, אומגעדול־דיג, ווייל ניט הערען וואס מען רעדט צו איהר און אמאל ווערט זי גאר צו־גוט און זי נעמט ארום איהר מאמען און קושט איהר:

— מאי דיער ליטל מאדהער (מיין טייערע, קליינע מאמעלע).

— עלינאר, דו האסט א שלעכטע געוואוינהייט צו אנצינדען אלע לאמ־פען.

— מיר געפעלט דאס אזוי, מא.

— איך וויל דיר לערנען ווי צו שפארען. ס'איז פאר דיין טובה.

— אויב דו ווילסט מיין טובה דארפסטו מיך לאזען צורוה.

— וואס איז דער מעהר מיט דיר, עלינאר?

— גארניט, גארניט! — גיט זי א געשרעה ארויס און לויפט ארויס פון צימער.

„ס'איז אלץ זיין שולד", טראכט בעלא מיט צארן וועגען איהר מאן. זי פיהלט איצט מעהר ווי ווען עס איז, אז זי דארף האלטען אן אויג אויף איהר טאכטער. איצט, ווען זי איז אי די מאמע, אי דער טאטע פאר עלי־נאר'ן.

אזוי ווי איהר טאטע, האט עלינאר געוואלט זיין א זעלבסטשטענדיגער מענש. די מאמע זאל איהר ניט צופיל פארנאנדערזאגען וואס צו טאן. זי האט געוואלט האבען א ווינקעל, וואס זי זאל קענען אנרופען איהר אייגענס. איהר צימער, איהר „רעסק", איהרע פאפירען. עס האט איהר ארייינגע־בראכט אין צארן, אז בעלא האט אויפ־געעפענט איהרען א בריף אדער גע־זוכט צווישען איהרע פאפירען:

— איך האב א רעכט אויף מיין „פראיוועסי"! — האט זי זיך צו־שריהען.

— איך זעה ניט דעם גרויסען פאר־ברעכען, וואס איך בין דא באגאנגען. — האט בעלא געפרואווט זיך פאר־ענטפערען. עלינאר איז געווארען בלייך פון כעס:

— איך בין דיר ניט דער טאטע!...

— עלינאר, איך וויל ניט דו זאלסט אזוי רעדען צו מיר. דו הערסט? — האט בעלא שוין אויך געשריען. — און עלינאר האט א שולדיגע אראפגע־לאזען דעם קאפ.

עס האט בעלא'ן שטארק וועה־געטאן וואס איהר טאכטער האלט זיך אזוי אפגעפרעמדט פון איהר. זעלטען ווען זי פארטרויט זיך מיט עפעס פאר איהר און זי טראגט זיך ארום מיט סודות. בעלא האט געוואוסט, אז זי געהט זעהן איהר טאטען, נאר קיינ־מאל האט זי ניט געקענט ארויסקרי־גען פון איהר ווער זיינען די מענשען, וואו ער וואוינט, און צי האט זי ניט געטראפען דארט א יונגע פרוי. אויף אלע פראגעס האט עלינאר געהאט איין ענטפער:

— אי דאנט נאו, מאדהער.

— ער ארבייט איצט, דיין טאטע? ווען קומט ער אהיים?

— איך ווייסט ניט, איך האב ביי איהם ניט געפרעגט.

— וואס הייסט, דו האסט ביי איהם ניט געפרעגט אויב ער ארבייט?

— ליוו מי עלאון, מאדהער! (לאז מיך צורוה, מאמע!) — איז שוין עלינאר געווארען צורייצט. בעלא האט דערמאלט נאר א קלער געטאן ביי זיך: — „דער טאטעלע מיט די ביי־נער..."

דאך זיינען מאמע און טאכטער שטארק צוגעבונדען געווען איינע צו די אנדערע און זיי האבען איינע פאר די אנדערע געזארגט, און עלינאר אין אן אנפאל פון גוטסקייט האט ארומ־גענומען איהר מאמען און איהר גע־קושט. צוויי עלענדע מענשען, וואס האבען איינע אין דער אנדערער זיך גענויטיגט און זיי האבען זיך ליב גע־האט, אליין ניט וויסענדיג פון דעם.

### קאפיטעל 6

און די צייט איז דערווייל געגאנ־גען. עלינאר איז אלט געווארען זיבע־צעהן יאהר, אכצעהן יאהר און מערער. איין און צוואנציג איז זי אלט געווען איצט, ווען די געשיכטע פון איהר לעבען נעמט זיך פאנאנדערוויקלען. זי האט געענדיגט שטודירען אין קא־לעדזש און איז געווארען א לערערין אין א סקול.

סעם ריווקין, עלינאר'ס טאטע, האט דערווייל זיך ניט אומגעקערט צוריק אהיים, נאר ער איז פארבליבען וואוינען מיט זיין פריינט מעקס בע־רעזאווסקי „דאון־טאון". עלינאר איז איצט זעלטענער געגאנגען זעהן איהר טאטען. ווען איהר איז זעהר שלעכט געווען אויפ'ן הארצען, איז זי גלא־פען איהם זעהן, ווי זי וואלט ערווארט אז מיט זיין קלוגען ווארט זאל ער איהר טרייסטען, אריינגעבען אין איהר מוט. צוריק אהיים פלעגט זי קומען נאך מעהר אפהענטיג, פארלא־רען.

בעלא, די מאמע עלינאר'ס, האט ניט געלאזען איהר געהן איהם זעהן. פון דער מאמע'ן איהרער האט זי אלץ געהערט דיזעלביגע רייד, די טענות צו איהם, אז ער האט געהאנדעלט נידערטרעכטיג, ברוטאל. עלינאר האט ביי זיך געוואוסט, אז עס איז ניט אזוי, און זי האט זיך געבייזערט אויף איהר מאמען:

— איך וויל ניט, דו זאלסט אזוי רעדען וועגען איהם. ער איז מיין טאטע!

ווער איז שולדיג אין זייער צורי־סענעם לעבען? איצט האט זי דאס פארשטאנען אנדערש, עלינאר. ניטא קיין שולדיגע. „דאס לעבען איז ניט אזוי איינפאך. עס איז צופיל קאמפלי־צירט, פארפלאנטערט." אזוי האט זי איצט געטראכט מיט דער קלוגשאפט פון א געליטענער. ס'איז עלינאר'ן געווען צו וועהטאגדיג צו דערמאנען זיך וועגען דעם. גלייכער איינגאנצען ניט טראכטען פון שולדיגע, ניט זוכען קיין ענטפערס...

עלינאר האט געקראגען איהר אר־בייט אין סקול, צו לערנען מיט די יונגע מיידלאך און אינגלאך, צושפיל־טע און ווידערשפעניגע, וואס זי האט זיי געדארפט צאמען. זי האט איצט פארדינט פאר זיך אליין אויף לעבען, און איינאיינעם מיט דעם איז געקומען דער שטאלץ פון קענען שטעהן אויף די אייגענע פיס, ניט דארפען אנקו־מען צו קיינעם.

(ווייטערס — מארגען)

# צוויי מערקווירדיגע מאוויס וועגן דייטשלאַנד געוויזן אין פאַריז

(שלום פון עדיטאריעל פּעידזש)

נישט פארגעסען דאס דייטשע פאלק; די דייטשען, וואס זיי האבען געמאכט פון די רוסישע שטעט, פון זייערע היי־מען און מיט די נאהענטסטע.

* * *

אין א צווייטען עק פאריז, אויף אוועני פארמאנטיע, ווערט געוויזען א צווייטע מאווי, אויך א דאקומענטארע, אן אויטענטישע, אראפגענומען פון ווירקליכען לעבען. אבער לאמיר פריהער דערצעהלען א פאר ווערטער וועגען דעם טעאטער וואו די מאוויי ווערט געוויזען. זעהר אפט ווערען דארט געוויזען סאוועטישע מאוויס, אויסגערעכענט אויף דעם ארבייטער־עולם, וואס באוואוינט יענעם געגענט. און אויף די דערמאנטע סאוועטישע פילמען טרעפט מען כמעט בלויז — אידען. די פראנצויזישע ארבייטס־מענשען אינטערעסירען די דאזיגע מאוויס ווייניג.

פאריגע וואך האט זיך אין דער אי־דישער פרעסע פון פאריז באוויזען פאל־גענדער, גרויסער אנאנס:

„א סענסאציאנעלער פראגראם. די גרעסטע רוסישע זינגער און טענ־צער וועלכע שטעלען צונויף דעם „אנסאמבל אלעקסאנדראוו" וועלען אויספיהרען קלאסישע און מאדערנע טענץ און געזאנג פון רוסישען פאלק־לאר. זייער ריטם פון אויגען־שווינד־לערישע שנעלקייט, זייער אויסערגע־וועהנליכער טאלאנט וועט אייך אי־בערראשען. אזא ספעקטאקל האט איהר נאך נישט געזעהן."

אזוי ווי דאס איז א פילם מיט'ן באריהמטען „אנסאמבעל פון געזאנג און טענץ" אונטער דער ליטונג פון קאמפאזיטאר אלעקסאנדראוו, זיינען די אידען ווידער געגאנגען; זיינען מיר דאך עפעס א פאלק פון נגינה און מוזיק. די וואס זיינען צו דעם פילם געקומען האבען אבער געהאט א ביטע־רע ענטוישונג. פאר חרפה זיינען פיל ארויס פון זאל אין מיטען ווייזען די מאוויי. זיי זיינען ארויס מיט טרערען אין די אויגען, מיט פארביטערונג...

ווי שוין געזאגט, איז אויך דער דא־זיגער פילם א דאקומענטארער, אן אוי־טענטישער ערשט פון דער לעצטער צייט. דא זעהט מען טאקע דעם בא־ריהמטען סאוועטישען „אנסאמבעל פון געזאנג און טענץ", וואס טראגט גענוס, פרייד און פארגעניגען צו הונדערטער טויזענט — דייטשען. די מאוויי הויבט זיך טאקע גלייך אן מיט דייטשע אויפשריפטען און, דער עיקר, מיט בא־מערקונגען אין דער דייטשער שפראך. עס איז זיך לייכט פארצושטעלען דעם פיינליכען איינדרוק, וואס דאס מאכט גלייך פון אנהויב אויף די אידישע צו־שויער.

מען ציינט אייך בערלין אין 1948. אן אנדערע בערלין ווי יענע, וואס ענ־דיגט זיך אין דער מאוויי פון היטלער־עווא בראון. יענע בערלין איז געווען א חרוב'ע, א צושמעטערטע. די איצ־טיגע בערלין אבער האלט זיך ביים צו־ריק אויפבויען, די דייטשען שטעלען זיך אויף די פיס. און אט אין דעם בערלין אראפגעקומען דער באריהמטער סאוועטישער אנסאמבעל, זיינען די מויערען פון דער שטאט פול באקלעפט מיט גרויסע אפישען וועגען קאנצער־טען און די דייטשען שטראמען אין די צענדליגע טויזענטער.

און אט איז דער ערשטער קאנצערט פון די סאוועטישע זינגער און טענצער. דער פלאץ איז געפאקט, קיין שפילקע ארייינצוואווארפען. דאס ערשטע ליד, וואס ווערט געזונגען, איז געראד פון א אידישען קאמפאזיטאר, פון דונאיעווו־סקי. שפעטער קומען אנדערע לידער און טענץ. די דייטשען צוגעהען־זיך ממש פון פרייד און דאנקען אפ מיט הילכיגע, לאנג־דויערענדיגע אפלאדיס־מענטען. מען זעהט, אז די רויט־ארמייער, די אנטיילנעמער פון סאוועטישען אנסאמבעל טוען אלץ און בא־מיהען זיך וואס בעסער צו געפעלען, אויסצונעמען ביי די דייטשע צוהערער. שטעהען און זיצען מאסען דייטשען, מענער, פרויען, יונג און אלט און קוועלען־אן פון נחת, און די סאוועטישע זעלנער פארשאפען זיי דעם גרעסטען גענוס, ווי עס וואלט צווישען די צוויי פעלקער גארנישט געווען.

יונגע דייטשע פרויען, מיידלעך — די זעלבע, דוכט זיך, פון דער „היטלער־עווא בראון מאוויי", וואס האבען בא־גייסטערטע אויסגעהאנגען האקענקרייץ פענדלעך — טראגען דא אונטער אומ־צעליגע בוקעטען בלומען די סאוועטי־שע זינגער און טענצער. די לעצטע בלייבען נישט שולדיג, און ענטפערען מיט צופרידענהייט, מיט שמייכלען. יוגענטליכע, קינדער, דוכט זיך קינדער פון די נעכטיגע פייניגער און מערדער פון אונזערע ברידער און שוועסטער, טראגען צו די רויט־ארמייער גאנצע קוישען פרישע בלומען. אויף די גע־זימסען פון די חרוב'ע געביידעס, אויף די הויפענס ציגעל און שטיינער, אויף דעכער און האלב־אפגעבראכענע דענק־מעלער זיצען יונגע דייטשקעס, וויגען זיך צו די לידער פון די סאוועטישע זינגער און געהען־אויס פון ראמאנ־טיזם; זיי וויגען זיך צו די טאקטען פון די טענץ, אן אידיליע ממש.

פון בערלין איז דער סאוועטישער אנסאמבעל אוועקגעפאהרען אויף גאסטראלען אין א גאנצער רייהע אנ־דערע שטעט פון מזרח־דייטשלאנד. אומעטום זינגען זיי, טאנצען זיי פאר הונדערטער טויזענטער, פאר מיליאנען דייטשען. די קאנצערטען קומען או־מעטום פאר אונטער'ן פרייען הימעל (עס איז געווען זומער) און די צו־הערער זיצען און שטעהען אומעטום אין די גאסען. א ים פון דייטשען — יונג און אלט, און עס דוכט זיך, אז דאס איז די זעלבע בלינדע, געהארכ־זאמע מאסע, וואס אין יענער מאוויי, ווען היטלער האט צו זיי גערעדט און זיי האבען איהם געשוואוירען טרייהייט. עס דוכט זיך, אז דאס איז די זעלבע שטאלענע מאסע, וואס האט מיט 10 יאהר צוריק גענומען טרעטען אויף איי־ראפע'ס ערד און געבראכט מיט זיך חורבן און פארוויסטונג. איצט זיינען זיי געקומען געניסען „די סאוועטישע קולטור", באגריסען „די קעמפער פאר שלום און פרידען" — אזוי ווי עס שרייען אראפ די לאזונגען פון די חרוב'ע ווענט.

דער סאוועטישער אנסאמבעל וויל נאך מעהר געפעלען ווערען די דייטשען, און אט אומגעריכט קומט א סורפריז: דער סאליסט ניקיטאוו הויבט אן זינגען אן אלט באקאנט דייטש פאלקס־ליד, טאקע אין דער דייטשער שפראך. צענדליגע טויזענטער דייטשען נעמען מיט־ברומען דאס ליד אין דער שטיל, וויגען זיך צום טאקט, אן אומפארגעס־ליך בילד. אויף אזא פארגעניגען מצד סאוועטישע רויט־ארמייאישע קינסט־לער, נעכטיגע שונאים — האבען זיי זיך נישט געריכט. און דא ערשט הויבען די דייטשען אן ארויסווייזען זייער צופרידענהייט. די ארטיס־טען, די רויטע־ארמעיער ווערען ממש פארשיט מיט בלומען. ביידע צדדים שמייכלען צופרידענע; מען דריקט זיך די הענט; צו דער פריינטשאפט נעמט נישט קיין סוף.

פארענדיגט האט זיך די דאזיגע מאווי דערמיט, וואס א דריי־יעהריג מיידעלע, א דייטש קינד, פארשטעהט זיך, טראגט אונטער א גרויסען בוקעט בלומען צו א סאוועטישען זינגער. ער נעמט מיט פרייד די בלומען און קושט דערפאר דאס קליינע קינד. און אט אין דעם מאמענט האט זיך אויסגע־דרוקט, ווי דאס איז איינער פון יענע רויט־ארמייער, וואס מען זעהט אין דער „היטלער־עווא בראון פילם", ווען ער איז געקומען אהיים אין זיין שטעט־טעל נאך דער מלחמה, מיט דער שבועה „נקמה" אויף די ליפען...

די גרעסטע טייל פון אידישען עולם, וואס געהט ארויס פון דער מאוויי, האט טרערען אין די אויגען און פאר־קלעמטע הערצער. עס טוט וועה, ווען מען זעהט ווי די סאוועטען טראגען פרייד און גענוס צו די נעכטיגע אונ־טערצינדער פון דער וועלט, און ווי מען באמיהט זיך דאס זיי צו געפעלען. און דאס הארץ פייניגט, דער מוח עגבערט און עס וויל זיך פרעגען:

אויב די סאוועטען ווילען געפעלען די דייטשען, אויב זיי ווילען זיי געווי־נען אויף זייער זייט, זאלען זיי דאס טאן געזונטערהייט. אבער צו וואס פאראייביגען אין בילדער אזעלכע שענדליכע סצענעס פאר דער געשיכ־טע? צו וואס שיקען די סאוועטען ארויס אזעלכע מאוויס אין אויסלאנד, און נאך אין פראנקרייך, און נאך מיט דער דייטשער שפראך, מיט דייטשע אויפשריפטען, אז עס זאל ביי אלעמען רייסען די אויגען? און צו וואס דארף א טעאטער, וואס האט כמעט און אויסשליסליך א אידישע קונדשאפט, ברענגען אזא שענדליכע מאוויי אויף איהר לייווענט, אז עס זאל בלויז ארויסרופען פארביטערונג און הארץ־קלעמעניש ביי די אידישע צושויער?

אבער צו וואס שטעלען די אלע פרא־גען. קומען דאך אין אונזער פאר־שאלטענער צייט פאר פיל ערגערע זא־כען, אויף וועלכע קיינער וויל נישט, און קאן נישט געבען קיין ענטפער...

# פון פאַלק צום פאַלק

## ישראל און די אידישע קאַמוניסטען

חשוב'ער רעדאקטאר!

דער באשלוס פון דער ישראל־רעגי־רונג, אז ירושלים זאל זיין די הויפט־שטאט פון דער אידישער מדינה, איז באגריסט געווארען פון אלוועלטליכען אידענטום. ווייל ווי קען מען זיך פאר־שטעלען א אידישע מלוכה אהן ירושלים? איז געה ווייס, אז די אי־דישע קאמוניסטען זיינען יא מסכים און ניט מסכים. אט שרייבען זיי אין דער „פרייהייט" פון 14טען דעצעמ־בער, אז „ווי די זאך זאל ניט זיין, איז קלאר, אז די דאזיגע אנטוויקלונגען וועלען באגריסט ווערען צווישען די אידישען מאסען, וועלכע האבען גע־וואלט און ווילען, אז ירושלים זאל זיין א טייל פון דער אידישער מדינה." און באלד מיט א פאר שורות ווייטער, שרייבען זיי שוין: „פרעגט זיך די פראגע: וועט אזא האנדלונג פון דער ארץ ישראל רעגירונג העלפען שטאר־קען די אידישע מדינה? מען טאר דאך ניט פארגעסען, אז מדינת־ישראל איז געשאפען געווארען א דאנק די דעמאקראטישע קרעפטען מיט'ן סא־וועטען־פארבאנד בראש." אבער דער סאוועטען־פארבאנד האט דאך איינגע־לעגט וועלטען ביים מיטינג פון דער יו־ען גענעראל אסעמבלי, אז די רעזא־לוציע פון אויסטראליע—געשטיצט פון רוימישען פאפסט, דער פירער פון דער קאטוילישער וועלט, און די אראבישע דעלעגאטען — זאל דורכגעהן.

מר. צאראפקין האט זיך שוין גע־פרעהט, אז אט דורך דעם טראסטישיפ קאונסיל וועט מען ווי־עס־איז קענען ארייינשטעלען א פיסעל אין מיטעלען מזרח, און דא קומט בן־גוריון'ס רע־גירונג און פראקלאמירט גאר ירושלים אלס איהר הויפט־שטאט.

פארדריסט עס מאקע די רויטע מאשקעס, אט־די וועלט־פארזארגער; שרייען זיי טאקע, אז טרומאן און בעווין און דער „אנגלא־אמעריקאנער אימפעריאליזם", זיינען שולדיג אין אלע צרות, אז לאנדאן און וואשינג־טאן ווילען פארשקלאפען די אידישע מדינה. די קאמוניסטען מיט זייער סאוועטען־פארבאנד זיינען גאט די נשמה שולדיג. זיי מיינען נאר גוטס פאר אידען. אבער די אידישע גאס קען זיי ציפיל און וועט זיך מיט עקעל אפקעהרען פון זיי מיט זייערע שריי־באכצען.

חיים קוסטיג,
ברוקלין, נ. י.

---

ווערטהער רעדאקטאר!

איך לייען אימער אויפמערקזאם די ארטיקלען פון אייערע גוטע שרייבער וועגען דער פאליטיק פון רוסלאנד בנוגע ישראל, ווי אויך וועגען די פאר־פאלגונגען אויף אידען אין רוסלאנד. עס איז איצט קלאר פאר אלע אידען פון דער וועלט די פיינדליכע שטעלונג פון רוסלאנד צום ציוניזם. איצט, אז מיר האבען דערלעבט אז אידען האבען א לאנד וואוהין צו פאהרען, לאזט רוס־לאנד זיי ניט ארויס. אויך יענע לענ־דער, וועלכע רוסלאנד קאנטראלירט, לאזען ניט ארויס זייערע אידען. איך גלויב, אז עס איז די העכסטע צייט צו ארגאניזירען א באוועגונג אין אמע־ריקע מיט'ן צוועק אויפצושטורמען די וועלט געגען דעם, אזוי ווי מ'האט געטאן אין צאר'ס צייטען דא אין אמע־ריקע. אי דער־זעלבער צייט דארפען מיר אויך ווייזען דער וועלט, אז די היגע אידישע קאמוניסטען זיינען פאררעטער נישט נאר צו אמעריקע, נאר אויך צ'ם אידישען פאלק.

דזשאזעף לעען,
לאס אנדזשעלעס, קאל.

# מאַקס געביל דערצעהלט

(שלום פון פּעידזש 2)

שראקען. ער האט גענומען א געוועהנ־ליך שטיקעל האלץ און האט עס אזוי לאנג געשניצט מיט פארשיידענע פי־גורען, ביז ער האט געמאכט דאס ריכטיגע שאכטעלע. דערנאך האט ער עס אויסגעבעט אינעווייניג מיט סא־מעט, און ווער עס האט עס דערנאך געזעהן איז געווען זיכער, אז אזוי איז עס געמאכט געווארען אין א גרויסער פאבריק אין אויסלאנד.

פארשטעהט זיך, אז די מאמע האט, ווי אלע דעמאלסדיגע אידישע מאמעס, געוואלט, אז איך זאל אויסוואקסען א רב, איבערהויפט נאך, אז מיין סנדק איז געווען טאקע דער גארליצער רב. אבער מען קאן דאך נישט „באלד" ווע־רען א רב, האט מען מיך קודם־כל אפ־געגעבען צו א דרדקי־מלמד, יעקב אשר. דער רבי האט פון מיר שטארק געהאלטען (אזוי ווי פיל פון די טעא־טער־קריטיקער, געזונט און שטארק זאלען זיי זיין, א סך יאהרען שפע־טער...), און נאכ'ן פארהערען מיך עטליכע מאל האט ער אליין ער־קלערט, אז זיין תורה איז פאר מיר שוין צו־שוואך און איך דארף א הע־כערען חדר. האט מען מיך אריינגע־געבען צו א העכערען מלמד, ישראל זשמיגריטער. דא האב איך מיך שוין געשטעלט אויפ'ן „וועג צו ווערען א רב." דא האב איך שוין געלערענט בבא מציעא און בבא קמא. פון דעם רבי'ן בין איך אריבער אין א נייעם חדר, צו ר' שבתי'ן, און יעדען שבת פלעג איך געהן צו אונזער רב'ס זוהן, ר' נפתלי, אז ער זאל מיך פארהערען, ביז ער האט געראטען דעם טאטען, אז מען דארף מיך ארויסנעמען פון שבתי'ן און צוגרייטען פאר א ישיבה. האט מען מיך אריינגעגעבען צו אונזערען א קרוב, כאסקעל געביל, א פרומער איד, א חסיד, מיט א ווייסער בארד. ער איז געווען זעהר א שווערער פאר־שוין און זיינע תלמידים האבען ביי איהם קיין האניג ניט געלעקט, אבער לערנען האט מען ביי איהם געהאט וואס צו לערנען. איז אבער געווען דער חסרון, וואס מען האט איהם געדארפט צאלען, און אין שטוב ביי אונז איז דעמאלט געווען מאטעריעל זעהר שלעכט, און דער טאטע האט ניט גע־האט קיין געלט צו צאלען פאר מיין שכר־לימוד, און מען האט מיך געמוזט אפנעמען.

געדענק איך, ווי דאס האט זעהר שלעכט געווירקט אויף נפתלי דעם רב'ס, און איינמאל האט ער געפרעגט דעם טאטען מיינעם:

— היתכן, כאסקעל איז דאך אייע־רער אן אייגענער?

האט איהם דער טאטע, וואס איז געווען בייז אויף חסידים, כאטש אפי־ציעל איז ער אויך אנגעגאנגען אלס חסיד, געענטפערט:

— אבער כאסקעל איז דאך א חסיד!

— טא איז וואס? — האט איהם נפתלי דעם רב'ס געענטפערט — אט בין איך דאך אויך א חסיד!

— יא — האט דער טאטע דערויף באמערקט — איהר זענט דאך א חסיד מיט י ו ש ר, און כאסקעל איז א חסיד מיט פ א ו ת!

נפתלי דעם רב'ס האט זיך אבער אזוי לייכט ניט אונטערגעגעבען. ער האט זיך געזעהן מיט אונזער קרוב, אט דעם ר' כאסקעל געביל, און וואס זיי האבען צווישען זיך גערעדט ווייס איך ניט. איך ווייס נאר, אז ר' כאס־קעל האט מיך געהייסען ווייטער קו־מען צו איהם, און איך האב דארט אנ־געהויבען לערנען די מסכתות קידושין און עבודה זרה. בערך א יאהר צייט האב איך דארט געלערענט, און איך האב שוין געדארפט פון דארט ארי־בערגעהן אין א ישיבה. אבער דא איז געשעהן ביי אונז א גרויס אומגליק, וואס האט איבערגעענדערט אלע אונ־זערע פלענער, איבערגעשניטען מיין וועג צו רבנות און געמאכט א סוף צו אונזער גאנץ לעבען פון דור־דורות.

דער טאטע איז ניט געווען קיין אי־בעריג־געזונטער און ער פלעגט פא־רען קיין קריניצע אין די דארטיגע בארימטע בעדער, וואס האבען איהם זעהר גוט געדינט. איינמאל איז ער ביינאכט אהיימגעפארען אין א שלי־טען איבער'ן פארפרוירענעם טייך. פלוצלונג האט דאס אייז ערגעץ־וואו געבראכען און דער שליטען מיט די פאסאזשירען איז אריינגעפאלען אין קאלטען טייך. נאך א גליק וואס דער שליטען איז געפארען פאזע ברעג, און די איינוואוינער אין די הייזלעך לע־בען טייך האבען דערהערט די גוואל־דען פון די וואס האבען זיך איבער־געקערט אין טייך אריין, איז מען באלד ארויסגעלאפען זיי ראטעווען און מען האט טאקע אלעמען ארויסגעראטע־וועט. אבער א פנים, אז פון דעם קאל־טען וואסער האט זיך דער טאטע שטארק פארקיהלט און ער האט באקו־מען א בלוט־שטורץ. ווען מען האט שפעטער צו אונז אין שטוב געבראכט דעם דאקטאר, האט ער פעסטגע־שטעלט, אז דער טאטע האט א לונגען־אנצינדונג. ער האט פאראררדענט דעם טאטען צו ליגען אין בעט, אבער דער טאטע איז געלעגען איניאנצען אנדער־האלבען וואכען.

איך האב שוין פריהער דערצעהלט ווי מיין מאמע, אויס זארג וועגען טא־טענ'ס געזונט־צושטאנד, און אביסעל צוליב דער היץ אין רב'ס בית־המדרש, וואס איז געווען איינגאנצען איין גאס פון אונזער הויז, האט גע'חלש'ט אין דער כל־נדרי נאכט. געדענק איך ווי צו־מארגענס, יום־כיפור, איז די מאמע האסטיג אינמיטען דאווענען אריינגע־קומען אין בית־המדרש און איז צוגע־לאפען צום ארון־קודש און זיך הויך אויפ'ן קול צעיאמערט. אזוי ווי איך האב געוואוסט, אז דער טאטע איז זעהר קראנק, בין איך באלד דערויף אוועק פון בית־המדרש און אהיימגע־לאפען. איך האב נאך באוויזען צו זעהן ווי דער טאטע האט זיך געגעבען א ריהר און באלד דערויף איז ער גע־פאלען אויפ'ן קישען און האט זיך שוין מעהר ניט באוועגט. ווען די מאמע איז אביסעל שפעטער אהיימגעקומען פון בית־המדרש, האט זי דעם טאטען א לעבעדיגען שוין ניט געפונען.

אט דער פלוצימדיגער טויט פון טא־טען האט אונז איבערגעלאזט ווי אויפ'ן וואסער. מען האט מעהר ניט געקאנט טראכטען וועגען דעם, אז איך זאל ווייטער לערנען. מען האט געמוזט אנ־הויבען זוכען א תכלית. דער עול פון פרנסה האט אונז גענומען שטארק דריקען.

אבער מיין מאמע'ס חלום, אז איך זאל ווערען א רב, איז פארט מקוים געווארען, נאר א סך יאהרען שפעטער, און ניט אין ווירקליכען לעבען, נאר אויף דער ביהנע, וואו עס איז מיר מעהר ווי איינמאל אויסגעקומען צו שפילען אלס „רב", אדער „רבי".

(ווייטערס — דאנערשטאג)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

די גאנצע פערזאן איהרע איז גע־ווארען מעהר צוציהענדיג. איהר שמאל, דין פנים, מיט דער שארפער מארדעטשקע איז א ביסעל אויסגע־רונדערט געווארען. די צעלאקטע האר איהרע, ברוינע, גלאנציגע, זיינען לויז געפאלען איבער דעם ווייסען, געטאקטען האלז. געגאנגען איז זי א ביסעל אנגעבויגען פאראויס, ווי זי וואלט זיך ערגעץ געאיילט. זי האט געלייענט א סך ביכער, אלץ פון בעסערן סארט, און זי האט מיט איהרע פריינט גע־קענט פון דעם שעהן ריידען, און דע־מאלט האט זיך איהר מאט־ווייסער פנים פארצויגען מיט א ראזקייט און איהרע טונקעלע אויגען האבען זיך צעפינקעלט.

אין א געזעלשאפט האט עלינאר זיך אנגעזעהן מעהר ווי א סך אנדערע מיידלאך. זי איז געווען סענסיטיוו און עמפינדליך: זי האט געקענט זיין לוסטיג און פרעהלאך לאכען און אין דער זעלבער צייט האט אן אומעט זיך געטוקט אין איהרע אויגען. א פאר־בענקטע, ניט צופיל צוגעלאזען צו מענשען, נאר מעהר אריינגעטאן אין זיך.

עס איז געווען ארום איהר אזא רייץ, וואס האט געוועקט נייגעריג־קייט, און די יונגע בחורים פון איהר קרייז האבען געזוכט איהר נאהענט־קייט. נאר עלינאר האט מיט קיין איי־נע פון זיי ניט געקענט ווערען צו־פיל אינטים, און ווענען יעדען איינעם האט זי באלד א טראכט געטאן: „ס'איז ניט דער". עס איז נאך ניט געקומען איהר אמת'ער באשערטער, וואס זאל פארכאפען איהר הארץ, אז זי זאל זיך צו איהם אװעקגעבען אינ־גאנצען.

— יו אר סטאק אפ, עלינאר (דו האלטסט זיך גרויס). דו ביזט צופיל פארריסען ביי זיך. — האבען די באַ־קאנטע בחורים איהר געזאגט.

— יע, איך בין דאס טאקע—האט עלינאר געלאכט, מיט אן ארויסרופענ־דיגען געלעכטער, ווי ווילענדיג זיך רייצען מיט זיי און פיהלען איבער זיי איהר מאכט.

דאס לייכטע „פלווירטען" מיט א באי האט ביי עלינאר'ן ארויסגערופען א צו־שטארקע ליידענשאפט, אז זי האט זיך פאר זיך אליין געשראקען, און זי האט געצאמט אין זיך יעדען באגער וואס האט נאר גענומען אין איהר ווערען וואך.

בעלא האט געהאט א קנאפען באַ־גריף פון איהר טאכטער'ס איצטיגען לעבען. עלינאר איז געווען קארג אויף רייד אז עס איז געקומען צו דעם, און דאס האט דער מאמע'ן אזוי וועה גע־טאן. זי איז ניט געקומען צו דער מא־מע'ן זיך פארטרויען, פרעגען ביי איהר אן עצה. בעלא האט נאר גע־זעהן ווי איהר טאכטער קומט און געהט. זי האט געהערט עלינאר'ס אומענדליכע שמועסען אין טעלעפאן, אויסגעשרייען און געלעכטערס, אדער א „באי" האט אפגערופען, באשטעלט מיט עלינאר'ן א „דעיט".

יעדע נאכט הערט זי איהר קומען שפעט, און אויף מארגען פרעגט זי ביי איהר טאכטער:

— ווי שפעט איז דאס געווען ווען דו ביזט נעכטען געקומען אהיים?

— איך ווייס ניט. איך האב ניט געזעהן דעם זייגער — גיט עלינאר א לאך.

— דו ביזט אויסגעגאנגען מיט אי־מיצען? וואו ביזטו געווען?

— אה, איך בין געווען אין „סאם פלעיס" (ערגעץ אין א פלאץ).

— דאס איז ניט קיין ענטפער. דערנקסטו ניט אז איך האב א רעכט צו וויסען וואוהין דו געהסט און מיט וועמען. איך בין דאך דיין מאמע...

— איך בין שוין א דערוואקסענע מיידעל, מא...

און מיט דעם ענדיגט זיך זייער גע־שפרעך.

אין א שבת אדער זונטאג דרעהט זיך עלינאר ארום איבער'ן שטוב איינ־געוויקעלט אין איהר שלאפראק מעהר ווי א האלבען טאג. זי זיצט ביים דער ראדיא און הערט מיט אלע חושים א „מיסטערי סטארי", צי א סצענע מיט א הארצרייסענדיגע ליבע, אדער זי זיצט אויף דער אטאמאנע, די פיס אונטער זיך, פארטיפט אין לייענען א בוך, און זי זעהט ניט דעמאלט וואס עס טוט זיך ארום איהר. ניט ווילענ־דיג דערמאנט עס בעלא'ן אן איהר מאן. סעם האט אויך געקענט זיך פארלייענען אין א בוך, אדער פאר־רעדען זיך מיט פריינט, אז ער זאל פארגעסען אז אלץ אין דער וועלט. ביי ביידען, ביים טאטען און זיין טאכ־טער, דיזעלבע נאטור צו וועלען פאר־געסען זיך אן דער ווירקליכקייט... בעלא'ן איז אזש אונהיימליך געוואָ־רען פון דעם. אפשר פון אט דער נא־טור זייער קומט די גאנצע צרה. אודאי איז גוט אז מען קען אזוי פארגעסען, אפשטופען פון זיך אלע שוועריגקיי־טען פון לעבען, צו נעמען אלע זאכען גרינג. זי, בעלא, האט דאס ניט גע־קענט. דער יאך פון לעבען האט פון איהר געמאנט, און זי האט געמוזט האלטען די אויגען אפען...

אין אט דער צייט איז שוין בעלא גע־ווען אליין פאר זיך אין ביזנעס. פון אלעא יהרע פלענער האט זי דערוויייל זיך אפגעשטעלט אויף איין זאך, צו אויפקויפען דרעסעס פון די מאנופעק־טשורערס פאר א ביליגען פרייז און פארקויפען עס דערנאך צו די פרויען־קאסטימערס. גאנצע טעג איז זי גע־ווען פארטאן מיט זעהן מענשען, מיט איינקויפען ווארע.

אין שטוב האט זיך איצט געענ־דערט. אין „ליווינג־רום" האט בעלא צעהאנגען די דרעסעס, א גרויסער שפיגעל איז דא אוועקגעשטעלט גע־ווארען, און די פרויען זיינען געקומען אנמעסטען א דרעס. בעלא'ס קלוגער רייידען און איהר זיכערער טאן, האט דא א סך געהאלפען. דאס וואס זי איז אמאל געווען א פארקויפערין אין א דעפארטמענט־סטאר איז איר איצט צוניץ־געקומען מיט איהר געניטקייט און איהר ענערגיע. זי האט אזוי ווי איצט ערשט זיך געפונען.

אז עס האט זיך געמאכט גאר א שעהנע דרעס, האט זי עס איבערגע־לאזען פאר איהר טאכטער. זאל זי ווי־סען, אז די מאמע האט איהר אין זי־נען:

— דו זעהסט, עלינאר, אט די דרעס האב איך אפגעקליבען פאר דיר.

נאר עלינאר האט זיך געהאט איהר אייגענעם געשמאק. זי איז ניט געווען צופרידען:

— וואסי? פארוואס געפעלט עס דיר ניט? — האט בעלא זיך געוואונ־דערט.

— ס'איז שעהן, נאר ס'איז ניט פאר מיר, — האט עלינאר געענטפערט אין גוטען מוט.

בעלא האט צוגעשוויגען. אויף אזוי פיל האט זי שוין געוואוסט, אז זי קען אויף עלינאר'ן מיט קיין זאך ניט וויר־קען. איהר טאכטער איז צופיל א זעלבסטשטענדיגער מענש. זי האט גע־וואלט זיין א גוטע מאמע, בעלא. נאר זי האט ניט געוואוסט ווי אזוי.

זיי האבען זיך איצט זעלטען ווען געקריגט. אז בעלא האט געזעהן איהר טאכטער ווי זי קלייבט זיך ערגעץ געהן האט זי מיט געטריישאפט אין קול איהר געפרעגט:

— ווען קומסטו צוריק, עלינאר.

— איך ווייס ניט, מא.

— זעה דו זאלסט זיין אין צייט פאר סאפער. עס וועט ווערען איבער־געפירט שטעהענדיג.

— אלראיט, מאדהער.

— איך וואלט וועלען אז דו זאלסט קומען מיר זאגען, אז דו האסט זיך שוין אויסגעקליבען א „סטעדי באי". — האט בעלא אנגעהויבען מיט איהר טאכטער א שמועס.

— איך בין נאך ניט אזוי אלט מא.

— דאך, א מיידעל. אייביג איז מען ניט אזוי צוציהענדיג־שעהן...

— דו וועסט נאך דארפען לאנגווארטען, מא. — האט עלינאר א שפאס געטאן מיט איהר מאמען.

— עס איז גלייכער ארומצוגעה מיט איין באי א „סטעדי", איידער אלע טאג מיט אן אנדערען.

— יע, דו ביזט גערעכט...

בעלא האט געהאט אנגסטען פאר איהר טאכטער. היינטיגע צייטען א מיידעל. זי זאל חלילה ניט מאכען א פאלשען טראט. ניט „אויסגליטשען" זיך. און זי האט געוואלט ווארענען איהר טאכטער, פארהיטען איהר פון שלעכטס:

— אויב עס זאל חלילה מיט דיר עפעס טרעפען, וועל איך דאס ניט אריי־בערטראגען, — האט זי שוין אז ערנס־טע גערעדט צו איהר טאכטער.

— וואס פאר א שלעכטס קען דע־טרעפען צו מיר? רייד ניט אזוי, מאדהער.

— היינטיגע באיעס, ווייסטאך... זיי...

— אה, זארג זיך ניט, מא, — האט שוין עלינאר געמאכט אן אומגעדול־דיגע באוועגונג. — אי נא אל עבאוט איט.. (איך ווייס פון די אלע זאכען). און מיט דעם האט זיך זייער שמועס פארענדיגט.

(ווייטערס — מארגען)

# אין דער וועלט פון אונזערע נייע אימיגראנטען

(שלוס פון עדיטאריעל פעידזש)

א געוויסע צאל ארבייטער און זיי האָ־בען זיך דארט איינגעארדענט.

ביים אידישען ארבייטער קאמיטעט בעטען אויך דזשאבס א גרופע פאַ־ריערס. די לאגע אין פאך איז אבער דעם היינטיגען סעזאן א שלעכטע. עס ווערט געזאגט, אז די ארבייטס־לאזיגקייט דערגרייכט 70 פראצענט. די אלע ארבייטער, וואס קענען קיין ארבייט ניט קריגען, מוזען זיך דער־פאר נעמען צו אנדערע פאכען.

די גליקליכסטע באלמעלאכעס, אין א געוויסען זין, זיינען די שניידער ביי פרויען־ארבייט. גוטער שניידער, וואס קענען מאכען א גאנץ שטיקעל אר־בייט, קענען זיך איינארדענען. גוטע שניידער זוכט מען. איז אבער דער סעזאן היינטיגס יאהר א קורצער. באלעבאטים זוכען שניידער וואס קע־נען אמעריקאנער ארבייט, אבער אויך די אימיגראנטען באקומען טיילוויז ארבייט. ערגער איז עס מיט די אפע־רעיטארס, וואס האבען ווענינגער ער־פארונג. דערפאר ווייל דער סעזאן איז קורץ ווילען די באלעבאטים נישט אריינגעמען די מיט צו־ווענינג ער־פארונג.

דעם אידישען ארבייטער קאמיטעט איז עס געלונגען איינצוארדענען א צאל בעקערס, גוטע פאכלייט, און דאס איז א דאנק דעם ספעציעלען אינטערעס וואס עס האט אין דעם גענומען דוד דורשט, מענעדזשער פון לאקאל 150, פון די „ריטעיל בעקערס און קאנפעקשאנערי סעילס פיפל'ס יוניאן". איהם און דזשאזעף בעלסקי'ן, פון דער בוטשער'ס יוניאן לאקאל 234, גיט דער ארבייטער קאמיטעט באזונדערע אנערקענונג פאר זייער הילף אין קריגען דזשאבס פאר א סך נייע אימיגראנטען. די בוטשערס, דאס הייסט היימישע קצבים, נויטיגען זיך אבער באזונדערס אין אמעריקאנער ערפארונג. אויף דער ליסטע פון אר־בייטער קאמיטעט זיינען איצט נאך פאראן ביי 25 אדער 30 ארבייטסלאזע בוטשערס. ביי א גוטער צוזאמענאר־בייט פון די באלעבאטים מיט דער יוניאן, גלויבט דער ארבייטער קאַ־מיטעט, וואלט אויך זיי מעגליך געווען איינצוארדענען.

אין א באזונדער גרופע געפינען זיך ביי א 15 אפהאלסטערערס. זיי זיינען אין א שווערער לאגע, ווייל די אמע־ריקאנער ארבייט אין דעם פאך איז טאקע אנדערש ווי אין אייראפע. א באלמעלאכע מוז זיך פריהער צולער־נען; און לערנען איז נישטא וואו.

אט די אלע מענשען, וואס קענען דא מיט זייער פאך גארנישט טאן, מוזען זייער פאך ענדערען. דאס מיינט אויסלערנען א נייעם פאך. גוט איינ־געארדענט האבען זיך די מערסטע קארפענטערס. עטליכע לאקאלס האבען דערביי געהאלפען. קעבינעט מעיקערס האבען נישט קיין שוועריגקייטען צו קריגען ארבייט. בלויז די בילדינג קאר־פענטערס קומט עס אן שווערער.

א גוטען ביישפיל האט געוויזען די מילינערי יוניאן, וועלכע האט גע־עפענט א סקול ספעציעל פאר די נייי־אנגעקומענע, און ווען זיי לערנען זיך אויס די ארבייט, באקומען זיי א דזשאב לויט די מעגליכקייטען.

עס קען קלינגען אביסעל אומגלויב־ליך, אבער אין דער ארגאניזאציע פאר נייע אמעריקאנער זיינען פארשריבען טויזענטער אימיגראנטען פון 100 ביז 125 פארשידענע פאכען, און יענער אפיס געפינט יעדען חודש עטליכע הונדערט דזשאבס.

# אַלעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ... פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

איינמאל האט עלינאר'ן זיך גע־דאכט, אז זי איז מיט אן אמת געוואָ־רען פארליבט. דאס איז געווען אין דעם באַי מילטאנ'ען, איינער פון דעם „באַנטש", ווי עס האט זיך גערופען דער קרייז פון עלינאר'ס פריינט יונגע מיידלעך און בחורים.

מילטאַן איז געווען א הויכער און א שעהנער יונג. דאס פנים ברוין־הויטיג, די האר — טונקעל־בלאנדע אויסגעלעגט אין קארבען און מיט א כישוף'היגען שמייכעל אין די אויגען. אז ער האט גערעדט צו א מיידעל, האט זיין שטימע וויברירט מילד און ווייך. איז אט דער מילטאַן אויך גע־ווען א לוסטיגער און א פארשייטער יונג. ער האט געקענט זינגען אלע נייעסטע לידער, מעצויגען און סענטי־מענטאל, און ער האט געקענט איבער־דערצעהלען אלע פרעהליכע מעשיות און וויצען, וואס ער האט געהערט אויף דער ראדיא און נאכמאכען די פאזעס פון א באוואוסטען „סטאר" פון א מואווי.

אז מילטאַן איז נאר אריינגעקומען אין א שטוב, האט מען שוין געוואוסט, אז עס וועט דא היינט זיין פרעהליך ווען ער האט עפעס דערצעהלט, זיינען אלע אויגען געווען אנגעשטעלט אויף איהם. מען האט שוין געלאכט ווי נאר ער האט געעפענט דאס מויל. עס איז רעמאלט געווען אן אוועגט פון פרעה־ליכקייט און פארגעניגען. ער איז גע־ווען ווי מען זאגט: „די לאיף און די פארטי". און די אנדערע באים זיינען צוליב איהם פארוקט געוואָרען אן א זייט, ווי אין שאטען. ארום איהם איז שטענדיג געווען א רעדעל פון מיידלעך, און ניט איין מיידעלשע הארץ האט ער שוין געבראכען, מילטאן, דער פאר־שייטער יונג.

און איצט האט ער זיך פארליבט אין עלינאר'ן.

עלינאר האט גאר מילטאנ'ען פיינט געהאט. ער האט זיך געהאלטען ווי א ביליגער מואווי־סטאר. ער האט גע־רעדט צו־גלאטיג, און צופיל האט ער זיך געמיהט איהר צו געפעלען. — „א פוסטער יונג" — האט זי ביי זיך אפ־געמאכט.

טאקע מיט איהר קאלטקייט האט איהם עלינאר צוגעצויגען צו זיך. עס האט איהם געקרענקט וואס זי האלט ניט פון איהם. ער האט איהר ניט אפגעלאזען פון אויג. ער האט איהר געמיזט אפפיהרען אהיים און אויפ'ן וועג האט ער איהר געזאגט קאמפלי־מענטען, אז קיין איין מיידעל געפעלט איהם ניט אזוי ווי זי.

— יו רילי מין איט? (דו מיינסט דאס אויף אן אמת?) — האט עלי־נאר געלאכט.

אבער מילטאן איז טאקע געוואָרען פארליבט אין איהר אויף אן אמת. אין אנהויב האט עלינאר ניט געהאלטען דאס פאר ערנסט. נאר אינגיכען האט זי זיך געכאפט ווי זי טראכט פון מיל־טאנ'ען אלץ אפטער. אז זי האט איהם ניט געזעהן א פאר טעג, האט ער איהר שוין אויסגעפעהלט.

עס איז דעמאלט געווען פריהלינג אין גאס און די ביימער האבען זיך פאנאנדערגעבליהט און אנגעטאן אין גרינע בלעטער. עלינאר מיט מיל־טאנ'ען זיינען אין די אווענטען געזע־סען אין פארק אין א שאטענדיגען ווינקעל אויף א באנק. זיי האבען זיך ארומגענומען און געקושט.

זיי האבען זיך געמוזט זעהן יעדען אווענט. ביי מילטאנ'ען איז געווען אזא הפקר'דיגער אויסזעהן, ווי ער וואלט גרייט געווען געהן פאר איהר אין פייער און אין וואסער און עלי־נאר איז געווען ווי אין א טשאד, און זי האט פון גארנישט ניט געקענט טראכטען.

מילטאן האט אנגעהויבען אריינקו־מען צו עלינאר'ן אין שטוב. בעלא, די מאמע איהרע, האט שוין געמיינט, אז דאס איז מיט מזל א חתן. זי האט מילטאנ'ען אויפגענומען מיט א סך ווארעמקייט און גענומען איהם אויס־פרעגען מעהר וועגען איהם און זיין פאמיליע.

איינמאל, אין ארעגענדיגען טאג, איז מילטאן געזעסען מיט עלינאר'ן ביי איהר אין שטוב, אין ליווינג־רום, אויף דער אטאמאנע. ער האט עלי־נאר'ן אנגענומען ביי דער האנט און זיין האנט איז געווען הייס און די אויגען האבען נעבעלדיג זיך פארצווי־גען.

— שיק אוועק דיין מאמען פון שטוב — האט ער איז שטיל געזאגט. — זאג איהר עפעס א תירוץ אז זי זאל אליין אוועק.

— פארוואס זאל איך עפעס אוועק־שיקען די מאמע פון שטוב? — האט עלינאר מיט איהם זיך א רייץ־געטאן.

— ווען דו האסט מיך ליב מיט אן אמת, וואלסטו מיך דאס ניט גע־פרעגט — האט געזאגט מילטאן.

— אפשר... — האט געענטפערט עלינאר, ווי אן אויסגעטשוכעטע פון שלאף. — אפשר, ווען איך וואלט דיך ליב געהאט מיט אן אמת...

— איך האב דיך ליב, עלינאר. איך מוז דיך האבען. אהן דיר...

„אזוי ערקלערט מען זיך ניט אין ליבע" — האט עלינאר אין זיך א טראכט געטאן. עס איז טעאטראליש. עס איז ווי אין די מואווים.

גאר אין גיכען איז עלינאר אנ־טוישט געוואָרען אין מילטאנ'ען. ער איז ווי טויזענט אנדערע באים, וואס שטעהען ארום די ראגען ביי א „קענ־די סטאר". זיינע מעשיות און וויצען האט זי שוין אזוי פיל געהערט, אז ווי נאר ער האט געעפענט דעם מויל האט זי שוין געוואוסט וואס ער וויל דערצעהלען. זייער ליבע איז מיט אמאל אפגעקילט געוואָרען, זיך אויס־געוועפט פון זיך אליין.

עלינאר האט דערנאך פון זיך אליין געלאכט. עס איז געווען נאריש, קינ־דעריש. עס איז ביי איהר נאר געווען א שפיל אזא, ווי נאר אויסצופראווען איהרע כחות, אויף וויפיל זי קען וויר־קען אויף א מאן...

---

די מיידלאך, עלינאר'ס חבר'טעס, האבען צו איהר אויפגעקוקט צוליב איהר אנדערשקייט: איהר דרייסטען האלטען זיך אנטקעגען די „באים", איהר שארפקייט אין ריידען, און א ביסעל הפקר'דיג אין איהרע מאניע־רען. זי פלעגט געבען א צינד־אן א פאפיראס און פארוויכערען מיט אזא זשעסט, ווי עס ארט איהר ניט פאר קיין זאך. די מיידלאך זיינען אלע גע־ווען פון גוטע היימען. עטליכע פון זיי האבען שטודירט אין „האנטער קאלעדזש", אזוי ווי עלינאר. זיי הא־בען געלערנט מיט אויסצייכענונגען און „סקאלערשיפס". איינע פון זיי, העלען, איז געווען א גוטע פיאניסטין, א טאלאנט, און גע'חלומ'ט פון א גרויסער צוקונפט. דאס שטענדיגע פראקטיצירען אויף דער פיאנא האט אוועקגענומען א סך פון איהר יונגער לוסטיגקייט, געמאכט איהר אידעלען פנים מאט־בלייך.

מארטהא, אן אנדער חבר'טע עלי־נאר'ס, איז געווען א גוטמוטיגע און רוהיגע נאטור, מיט א רונדען פנים און גלאטע, שווארצע האר און שמא־לע אויגען ווי ביי א כינעזערין. זי האט זיך געהאלטען מאמעדיג־געטריי צו איהרע חבר'טעס, און עלינאר איז באזונדערס צוגעבונדען געווען צו איהר, זי האט געווירקט אויף איהר בארוהיגענדיג.

נאך איינע פון די מיידלאך, רזשין, איז געווען אן אומרוהיגע, א פלאַ־טערל. אלע ווייל'ע האט מען איהר געזעהן ארומגעהן מיט אן אנדער בחור. נאר אלע האבען געוואוסט אז זי איז אומגעדולדיג צו קריגען איי־נעם, א שטענדיגען יונגענמאן און חתונה האבען. רזשין האט אין א שמועס מיט איהרע חבר'טעס ליב גע־האט צו זאגען: — עס איז שוין גליי־כער חתונה האבען און דערנאך זיך פאנאנדערגעהן מיט'ן מאן, דורכלע־בען א טראגעדיע, אבי וויסען אז דו האסט געלעבט. עס זאל ניט הייסען, אז דו ביזט געבליבען זיצען אן „אלד מעיד".

מארטהא'ס מיינונג איז געווען, אז צו קריגען א בחור און חתונה האבען איז נאך ניט גענוג. עס איז וויכטיג צו זעהן, אז נאך דער חתונה זאל דאס לעבען ניט ווערען צו־וואכעדיג, מען זאל גיך זיך ניט מיאוס ווערען איינע די אנדערע.

(ווייטערעם — מארגען)

## צוויי עדות דערצעהלען אז קארל באלטאן האט זיי אנגעבאטען 15 טויזענט דאלאר צו ערמארדען וואלטער רוטער

(שלוס פון פעידזש 2)

די דאזיגע געשיכטע נישט אויפגע־קלערט. און עס איז, ווארשיינליך, אז ביידע עדות וועלען נאך אמאל ארויס־גערופען ווערען.

אבער דערווייל איז גערופען געוואָ־רען אלס עדות מרס. דאראטי קאלינס, 34 יאהר אלט. זי איז געווען די נישט־געזעצליכע פרוי פון דעם עדות דזשאן קאלארזשעווסקי.

איידער זי איז ארויסגעטראטען אלס עדות האט זי דעם פראקוראר אפגע־געבען אן אפיציעלע ערקלערונג, אז ווען זי איז ארויס פון דעם האטעל ראַרלום, וואו זי וואוינט, און האט זיך פארנימען צו געהן אין געריכט, זיינען צו איהר צוגעקומען צוויי יונגע לייט, וועלכע זיינען געווען פיין געקליידעט, ביידע האבען געהאלטען די הענד אין די קער־שענעס, אזוי אז עס האט אויסגעזעהן, אז זיי האבען געוועהר. זיי האבען צו איהר געזאגט: „מיר ווייסען, אז דו געהסט איצט אין געריכט, זאלסטו דע־ריבער גערענקען, אז אויב דו וועסט זאגען שלעכטס אויף קארל באלטאן, וועסטו אפגעראמט ווערען".

די צוויי פארשוינען, האט זי ווייטער דערצעהלט, זיינען באלד אריין אין אן עלעגאנטער קאר, וועלכע איז אויף דער גאס געפארען לאנגזאם. עס איז דערי־בער קלאר, אז אין דער קאר איז געווען א דריטע פערזאן. צוליב דעם, וואס זי איז געווען זעהר דערשראקען, האט זי נישט באוויזען צו זעהן דעם לייסענס נומער פון דער קאר.

דער פראקוראר האט גלייך געהיי־סען, אז מרס. קאלינס זאל באקומען פאליציי־שוץ.

אין די פאלים קרייזען האלט מען, אז דער צווייטער אנפאל, וואס איז מיט 15 מאנאטען שפעטער דורכגע־פירט געוואָרען איבען וויקטאר רוטער, און דאס אונטערלייגען דעם דינאמיט אונטער'ן הויז פון דער יוניאן, זיינען געווען געצילט, ווי עס דריקען זיך אויס אין זייער שפראך די פאליסלייט „ארויסצוציהען די הייץ" פון קארל באל־טאן. עס מיינט צו מאכען לייכטער זיין פארטיידיגונג, ווייל, ווען די דאַ־זיגע צוויי לעצטע אנפאלען זיינען דורכ־געפירט געוואָרען, איז באלטאן געווען אין פריזאן. מען וועט איהם דעריבער נישט קאנען פארבינדען מיט די אנפאַ־לען, און אזוי ארום וועט אויך זיין לייכטער צו טענה'ן, אז ער ווייס נישט וועגען דעם ערשטען אנפאל.

מרס. קאלינס האט אויפ'ן עדות־שטוהל זיך שטארק געוואקעלט אין איהרע ערקלערונגען. זי האט געזאלט זאגען, אז זי איז געווען דערביי, ווען באלטאן האט אין דעם אפארטמענט, וואו זי האט געוואוינט מיט קאלאַ־רזשעווסקי'ן, גענומען צוויי רעוואלווע־רען. פאר'ן געריכט האט זי דאס נישט געזאגט. זי האט נאר ערקלערט, אז באלטאן איז געווען אן אפטער אריינ־געהער אין איהר הויז, און אז ער איז געווען א חבר פון איהר „באי פרענד" קאלארזשעווסקי. צי ער האט גענומען רעוואלווערען אין איהר הויז, געדענקט זי נישט.

דער ריכטער איידא, וועלכער פיהרט דעם פראצעס, האט געשלאסען די צוויי־טע וואך פון די געריכטס־פארהאנד־לונגען. ער האט געהייסען מרס. קאַ־לינס קומען נאכאמאל, ווייל איהר פארהער איז נאך נישט פארענדיגט. דער פראצעס וועט געוויס דויערן נאך א וואך און אפשר מעהר.



## ביישטייערונגען פון „פארווערטס"־לעזער פאר דעם קינדער רעטונגס־פאנד

32טע ליסטע:

א. לין, מיאמי ביטש — 100.00
דר. סאל נאידיטש, ביעפארד — 100.00
פוירסט דווארצער לעידים קראנק. אונט. פעראיין, דורך מרס. י. קראוויטשיק, ניו דזשוירזי — 50.00
פעלדמאנ'ס, רעד בעי — 25.00
לעידים בר. 736 ארב. רינג, דורך ראוז בורגעווסקי, סעק., טשעלסי — 25.00
די לעידים אקזילערי אף די ק. י. ב. ע., דורך מרס. סניידערס, ברוקלין — 25.00
סעמועל אמדורסקי, ניו יארק — 25.00
סטיווען סגאו, 6 און א האלב יאהר אלט, ברוקלין — 16.00
מרס. ר. קניבעל, פאר ראקאוועי — 15.00
ס. בענדזשאמין, ניו יארק; אין אנדענק פון איהרע 11 איינ־יקלאך און 4 אוראייניקלאך — 15.00
מרס. י. פאראווינסקי, פילא. — 15.00
ה. פיערסאן, האט ספרינגס — 15.00
פוירסט לוצקער ב. א., דורך בערעזאווסקי, ניו יארק — 13.00

צו 10 דאלאר:
מרס. סיימאן ליבאוו, טולסא; מרס. ה. שווארץ, באלטימאר; מ. ליפשיץ, פילא.; היימאן ליס, מאריסטאון; ליע מאפעט, באלטימאר; קאל. פון די מעמבערס פון בר. 90 א. ר., דורך נייטען מילגאטען, טרענטאן; עדא שולנאלר, פיטסבורג; מר. און מרס. ס. מאקסעל, ברוקלין; לואיס לאטא, ברוקלין. צוזאמען — 90.00
סעם ראטשמאנר, בראנקס — 7.00
קאנג. אוהל יעקב, דורך מאריס בלום־ווייס, פרעז., איסט באסטאן — 7.00
פאמיליע פישקין, פילא. — 6.00

צו 5 דאלאר:
וויליאם עש, פיטסבורג; מילפארד היברו אסס'ן, מילפארד; דר. דזשייקאב ספאנדזשין, אובורן; ה. און י. באקאוו, פילא.; ע. לעווין, עליזאבעט; וויסניק, קיפארט; מאלאן מאטרעס קארפ., באסטאן; מרס. ג. רעגער, ניו בראנזוויק; מרס. לאהמאן, אטלאנטא; לעידים אקזילערי ארב. רינג בר. 23, ניו יארק, דורך מרס. ס. קאהען; פעני מיטשעל, פארטסמוטה; ה. מילער, ניו דזשוירזי; י. וויינבערג, אדאמס; הענרי שווארץ, באלטימאר; י. קאפיט, פראווידענס; בעלא רודני, האווערטאון; י. רובין, מאלדען; סעם ראזענבערג, פיטסבורג; בר. 87 א. ר., דורך מ. פארטער, ניו יארק; א. נאלה, ניו יארק; מאריס דייטאנד, ברוקלין; ע. פעסין, ברוקלין; הערי און רעי האלפערן פעמילי סוירקל, דורך סיל הירשפעלד, טרעזש., בראנקס; מרס. ט. קאנסקי, ברוקלין; ע. ליעבסאן, סט. אלבאנס; מ. הארוויץ, ברוקלין; בערטהא סילווערמאן, ברוקלין; ל. סעגמאן, דזשאמעיקא; מרס. מעלדארף, בראנקס; ס. פאדאף, בראנקס; מר. און מרס. ל. האראוויץ, ניו יארק; פעני בלאק, בראנקס; מאריס סאמבערג, בראנקס; מרס. ד. שטאחל, ניו יארק; נ. האמער, בראנקס. צוזאמען — 175.00

צו 3 דאלאר:
איזידאר רייזלער, גרענד ראפידס; מרס. א. פארמאן, פילא.; א. שניידערמאן, פלעינוויל; בעלא בייגעלמאן, דארטשעסטער; בר. 26 ארב. רינג, דורך ב. שטיין, סעק., וואטערבורי; מארק דזשאנאס, פילא.; סעמועל טאטאר, באלטימאר; מר. און מרס. מיטעלמאן, ברוקלין; מרס. טשאל, ברוקלין; אסתר שפיגעל, ברוקלין; אסתר שפיגעל, בראנקס; מ. פיינענבאום, בראנקס; ראוז שטייגבערג, ניו יארק. צוזאמען — 36.00

צו 2 דאלאר:
מר. און מרס. מ. בעלסקי, פילא.; ב. און מ. גרייבעל, ניו־ראשעל; י. טשעפלין, דארטשעסטער; מרס. ה. גוסבאום, באלטימאר; לואיס סאוויצקי, הארטפארד; איידא ברין און מארלין קאמינסקי; סערע ראסמאן, דארטשעסטער; מרס. י. שליסעלבערג, באלטימאר; מ. גלאסגאלר, ברוקלין; רזשייקאב פערל, ניו יארק; גראבינער, ניו יארק; ל. דראפקין, ברוקלין; מעקס גאלדסמיטה, ברוקלין; א. שיינהאוז, ברוקלין; שרה קאהאנסאן, ברוקלין; מרס. ע. קרעסין, פארעסט הילס; מרס. ר. וואלדמאן, ברוקלין; י. קאפמאן, איספוויטש. צוזאמען — 36.00

צו 1 דאלאר:
סעמי דייווידסאן, מערידען; מרס. געלטסנער, ברידזשפארט; מאלי קעגטער, פילא.; ב. גרינשפאן, קינגסטאן; מר. און מרס. בלומשטיין, פאסעיק; איידא רובינסקי, האליסטאן; ביטרים ליבערמאן, בראנקס; מ. פארמאן, ברוקלין; מרס. ס. לערנער, ברוקלין. צוזאמען — 10.00

| | |
|---|---|
| צוזאמען | $ 806.00 |
| פון פריהער קוויטירט | $30,264.85 |
| גרענד טאטאל | $31,070.85 |

## טרויער רעזאלוציע פון בראיטאן ארבייטער רינג שול

די פארוואלטונג פון דער בראיטאן ארב. רינג שול שיקט איהר טיפסטען מיטגעפיהל און טרייסט צו די פריינט ענגעל און רובינשטיין אויפ'ן פארלוסט פון זייערע פאר־שטארבענע ברידער, וואס זיינען אזוי פריי־צייטיג פון דער וועלט געגאנגען. אין אייער ארבייט פאר דער אידישער קולטור און דעם ארבייטער רינג בפרט געפינט א טרייסט.

ד. יניסנעוויץ, סעק.

## טרויער רעזאלוציע פון ווילנער ברענטש 43 ארב. רינג

די מיטגלידער פון ברענטש דריקען אויס דעם טיפסטען מיטגעפיהל צו די קינדער און פריינט אויפ'ן טויט פון זייער פאטער און־זער מיטגלידראובן באלכיק. זאל א טרייסט זיין צו דער פאמיליע, וואס זיין נאמען וועט דערמאנט ווערען צווישען די קעמפער פאר א בעסערער און פרייער וועלט פאר דער מענשהייט. עהרע זיין אנדענקונג.

## אן אלטער פראדוקט מיט נייע ליבהאבער

פארינא איז א פראדוקט וואס איז שוין פאר לאנגע יארען א טאג־טעגליכער געברויך אין אידישע היימען. עס איז שוין געוואָרען אן אומצעטיילבארע טייל פון דער טעגליכער שפייז. די ענערגיע־געבענדיגע רייכקייט פון פראטעאין און אנדערע וויכטיגע שפייז־ווער־טען האבען געמאכט פארינא אלס א נויט־ווענדיגקייט פאר גוטען געזונט.

עס איז דערפאר קיין וואונדער ניט וואס טאג־טעגליך קומען צו נייע געברויכער פאר דעם דאזיגען אלטען פראדוקט. און טאקע, ווען מען פארזוכט בלויז איין מאל „קריעם אוו וויעט", ווערט מען אזוי ענטציקט פון דעם גוטען טעם, אז מען וויל אנפאנגען יעדען טאג מיט א הייסער פארציע „קריעם אוו וויעט". „קריעם אוו וויעט" קומט אין צוויי מינים — רעגולאר, און די באריכער־טע 5־מינוט „קריעם אוו וויעט", וועלכע גיבען אייך וויטאמינען, אייזען און אנדערע מינעראלען, וועלכע זיינען אזוי גוט פאר אייך. פאר א סך דורות איז „קריעם אוו וויעט" שוין דער ליבלינג פון זיידעס און באבעס, טאטעס און מאמעס און קינדער און אייניקלאך. עס איז גוט פאר מילכיגע לאנ־טשעס, פאר דינער און א נויטווענדיגקייט פאר פרישטיג.

די פאפולאריטעט פון „קריעם אוו וויעט" איז ניט בלויז א דאנק דער נארהאפטיג־קייט, נאר אויך א דאנק דער עקאנאמיע. עס קאסט ווייניגער ווי 2 פעני פאר יעדער גרויסער פארציע. אזעלכע שפייז עקספערטען ווי רוטה דזשעיקאבס רעקאמענדירען שטענדיג „קריעם אוו וויעט", פאר א שפייז און אלס נעפילעכיז צו קאכען און באקען.

מיר קענען בלויז אונטערשטרייכען, אז איהר וועט שטענדיג הנאה האבען פון „קריעם אוו וויעט" ווען נאר איהר וועט עס עסען. *)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

די שטילע העלע, מיט די חלומ׳דיגע אויגען, האָט גערעדט פון אמת׳ער ליבע.

— נאָר די ערשטע ליבע איז די אמת׳דיגע. נאָך דעם איז שוין אַלץ גאָרניט ווערט.

— אַה, נאַטס! (נאַרישקייטען!) — האָט עלינאָר אַ לאַך געטאָן, הערענדיג דאָס. ס׳איז געווען ווי זי וויים וועגען דעם ענין מעהר פון זיי אַלעמען.

מאַרטהאַ האָט די ערשטע פון דעם גאַנצען באַנטש זיך געקליבען חתונה האָבען. זי האָט געקראָגען אַ יונגענמאַן, וואָס האָט שטודירט אויף לאָיער. די מיידלאַך האָבען זיך געגרייט צו אַ גרויסע פּאַרטי ביי מאַרטהאַ׳ן אין שטוב צו דער געלעגענהייט פון איהר חתונה. מען האָט אַ סך פון דעם גערעדט און זיך געהיצט, וועלכע קליידער זיי וועלען טראָגען און וואָס פאַר אַ פּרעזענטען אויסקלייבען פאַר מאַרטהאַ׳ן. עלינאָר האָט צוגלייך מיט אַלעמען געגרייט זיך צו דער פּאַרטי.

נאָר אינעווייניג, אין זיך, האָט זי, ווי איר שטייגער איז געווען, געטראַכט איהרע אייגענע געדאַנקען, אַז זי איז אַנדערש ווי אַלע מיידלאַך און איהר לעבען וועט זיך אויפלעגען אַנדערש, ניט איינפאַך, באַלעבאַטיש, נאָר אַ רייכערע, שעהנערען לעבען וועט זי האָבען מיט איהר אויסדערוועהלטען. וואָס וועט קומען.

אָדער זי וועט גאָרניט חתונה האָבען. זי וועט אַוועק ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט. זי וועט זיך דאָרט אָנטאָן ווי אַ באַרעמהערציגע שוועסטער און געהן איבער די שפּיטאָלען הײלען קראַנקע, ביז מען וועט זיך דערוויסען פון איהר, מען וועט איהר אויסגעפינען און דערמאָלט...

## קאַפּיטעל 7

נאָר איין ריכטיגען פריינט האָט עלינאָר דעמאָלט געהאַט, און דאָס איז געווען אייב גאָרדאָן, אַ סטודענט. ער איז געגאַנגען אין קאָלעדזש און שטודירט וויסענשאַפטען. ער אויך האָט באַלאַנגט צו דעם יונגען „באַנטש" פון עלינאָר׳ס פריינט. נאָר דאָ אין דעם „באַנטש" האָט מען ניט שטאַרק געהאַלטען פון איהם. ער איז געווען צו הויך, ווי איבערגעוואַקסען, מיט האַמעטנע באַוועגונגען. ער האָט געטראָגען אויגען־גלעזער און שטענדיג מיט אַ שולדיגען שמייכעל אויפ׳ן פּנים.

מיט מיידלאַך איז אייב ניט געווען געשיקט. אַז די יונגוואַרג האָט זיך געקליבען געהן צו אַ פּאַרטי און עס האָט אויסגעפעלט אַ באָי צו אַ פּאָר, האָט מען דעמאָלט אייבי׳ן גערופען. און דאָרט ביי דער פּאַרטי האָט ער זיך אַרומגעדרעהט מיט זיין שולדיגען שמייכעל, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיינע לאַנגע הענט און די לאַנגע פיס. אַז ער האָט אָנגעטראָטען אַ מיידעל אויפ׳ן פוס מיט זיין גרויסען שוך, האָט ער זיך אַנטשולדיגט און איז רויט געוואָרען. ער האָט זיך געשטעלט אַן אַ זייט און געקוקט און געוואונדערט זיך אויף דער דרייסטקייט פון די אַנדערע בחורים ווי זיי נעמען אַרום אַ מיידעל פאַר אַלעמען אין די אויגען. ער האָט שטאַרק געליטען וואָס ער איז ניט אַזוי געשיקט און האַמעטנע.

אין אַ שמועס איז אייב גאָרדאָן אויך ניט געווען פאַרוויילענדיג גענוג. עס האָבען איהם געפעלט ווערטער, און טאָמער האָט ער אַמאָל געקענט אַרויסזאָגען אַ וויכטיגע זאַך, האָט ער עס אַרויסגערעדט האַמעטנע און אַהן גלאַנץ, און מען האָט קיין חשק ניט געהאַט איהם צו הערען...

עס איז נאָר געווען אַ קאַפּריז פון עלינאָר׳ס זייט וואָס גראָד מיט אָט דעם אייב גאָרדאָן איז זי געוואָרען גוטע פריינט און מעהר צוגעלאָזען צו איהם, און אייב איז מיט איהר אויך ניט געווען אַזוי שעמעוודיג ווי מיט די אַנדערע מיידלאַך.

פון קינדווייז אַן האָבען זיי נאָך זיך געקענט. זיי האָבען געוואוינט אין ליב געהאַט מאַכען עקספּערימענטען מיט אַלערליי אינזעקטען, פליגעלער, וואָס ער האָט געהאַלטען אין סלאָאַיקעס, און וואָס די מאַמע זיינע האָט עס געוואָלט אַרויסוואַרפען, ראַמענדיג די שטוב. אייב׳ס טאַטע מאַמע זיינען געווען גראָסערי־לייט, שטענדיג פאַריאָגט און פאַרהאַוועט אין זייער סטאָר, און זייערע קינדער זיינען אַרומגעלאָפען פריי איבער דער גאַס. נאָר אייב, דער עלטסטער, איז געווען ערנסט מיט זיין לערנען און ער האָט געטאָן אַלערליי שווערע אַרבייטען ער זאָל נאָר קענען אָנקומען אין קאָלעדזש.

מיט אייבי׳ן איז עלינאָר׳ן געווען גרינג. ער איז ניט געווען ווי די אַנדערע יונגע בחורים. ער האָט ניט געהאַט אין זינען אויסצופיינען זיך פאַר איהר, ניט צו באַרימען זיך און ניט געזוכט איהר צו געפעלען. ער פלעגט איהר כסדר דערצעהלען פון זיינע עקספּערימענטען אין „סאַיענס" (וויסענשאַפט).

— דו ווילסט הערען, עלינאָר? — פלעגט ער אָנהויבען מיט אַ צוואַרימטען קול.

ער פלעגט אַריינקומען צו עלינאָר׳ן אין שטוב. אין יענע ערשטע צייטען, ווען עלינאָר׳ס טאַטע איז אַוועק פון דער היים, איז אייבי דאָרט געווען אַז אָפטער גאַסט, ניט געבעטענערהייט. עלינאָר׳ן איז דעמאָלט געווען אַזוי ביטער אויפ׳ן האַרצען, אַז זי האָט גאָר קיינעם ניט געוואָלט זעהן. און אַז אייב איז אָנגעקומען האָט זי מיט אַ גלייכגילטיגער שטימע איהם אַ זאָג געטאָן:

— אַ, העלאָו, אייב, וואָס מאַכסטו? זעץ זיך אַוועק.

* * *

און אייב האָט זיך געגעבען אַ זעץ אַוועק וואו נאָר עס האָט זיך געמאַכט. ער האָט אויסגעצויגען זיינע לאַנגע פיס, געמאַכט זיך באַקוועם. עס איז עלינאָר׳ן דאָך גוט געווען פון דעם, וואָס ער איז דאָ פאַראַן. פאַר איהם האָט זי ניט באַדאַרפט זיך פאַרשטעלען, ניט שפּילען קיין ראָלע אַז איהר איז פרעהליך. און אייב האָט זיך געהאַלטען פּשוט אַזוי. ער האָט עפּעס געקענט געפינען דעם ריכטיגען טאָן פון רעדען מיט איהר. און אפילו ווען ער האָט געשוויגען האָט זיך אויך געפיהלט, אַז ער איז אַ פריינט.

— עס מיט אונז סאַפּער, אייב — האָט בעלאַ, עלינאָר׳ס מאַמע איהם געבעטען. נאָר אויף דעם האָט מען איהם שוין געדאַרפט לאַנג איינרעדען ביז ער האָט צוגעשטימט.

— איך האָב ערשט ניט לאַנג אָפּגעגעסען אין דער היים — איז געווען זיין ענטפער.

ביים טיש מיט איהם האָט זיך געפיהלט, אַז עס זיצט דאָ אַן אייגענער מענש, אַ ברודער... בעלאַ פלעגט איהם בעטען צו טאָן אַלערליי געפעליגקייטען פאַר׳ן שטוב: פאַרריכטען די עלעקטריק פון לאַמפּ, וואָס איז קאַליע געוואָרען; זעהן וועגען דער ראַדיאָ וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— אַ שטוב דאַרף האָבען אַ מאַן!

— פלעגט זי אַרויסרעדען מיט אַן אָטעם אין איהר שטימע. און אייב פלעגט זיך לאַנג פאַרען אַרום דער ראַדיאָ. ער איז געווען אַ גרויסער מאַדים אין אַזוינע זאַכען. דערנאָך פלעגט ער מיט אַ צופרידענעם פּנים אַ זאָג טאָן:

— נו, איצט וועט עס שוין אַרבייטען...

אַז די יאָהרען זיינען געגאַנגען איז די פריינטשאַפט צווישען עלינאָר׳ן און אייבי׳ן ניט איבערגעריסען געוואָרען. אייב האָט ניט געפאָדערט צו זיך קיין צופיל אויפמערקזאַמקייט. ער איז איהר נאָר שטענדיג געווען צו דער האַנט. אַז ער האָט איהר נאָר דערזעהן אין גאַס, איז ער באַלד צוגעגאַנגען צו איהר:

— וואוהין געהסטו איצט, עלינאָר?

— איך געה אין ביבליאָטעק, בייטען אַ בוך.

— קום, איך געה אויך אַהין.

אויפ׳ן וועג האָט זי איהם דערצעהלט פון איהרע טעגליכע אינטערעסען: ווי זי קוקט שוין אויס אויפ׳ן זומער, צו קריגען איהר וואַקאַציע פון סקול... און זי האָט זיך מיישב געווען מיט אייבי׳ן וואו זי זאָל פאָהרען זיך אָפּרוהען. און אייב האָט איהר דערצעהלט פון קאָלעדזש, ווי ער טוט איצט „ריסוירטש"־אַרבייט (פאָרשונגס אַרבייט), אונטער דער אויפזיכט פון אַ פּראָפעסאָר. און אַזוי פלעגען זיי אָפּט אָפּט פאַרברענגען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# איהר לעצטער וואונש

אַ דעטעקטיוו ראָמאַן

נאָכדרוק פאַרבאָטען

ספּעציעל געשריבען פאַר׳ן „פאָרווערטס" פון שלמה בן־ישראל

(פאָרטזעצונג)

— ווי האָט ער אויפגענומען די בילדער? — האָט ירמיהו געפרעגט.

— צוערשט האָב איך איהם דערצעהלט די געשיכטע — האָט דר. זיידמאַן געזאָגט — כ׳האָב איהם, פאַרשטעהט זיך, ניט אויסגעזאָגט אַלצדינג. איך האָב איהם נאָר געזאָגט, אַז איהר האָט געכאַפּט דעם מענשען, וועלכער האָט איהם פאַרפאַלגט, אַז יענער האָט עס געטאָן איינער אַליין. גיטעל האָט עס איהם ניט געבעטען. ער האָט זיך נאָר דערוואוסט די געשיכטע פון איהר און ער האָט באַשלאָסען צו טרייבען אַ שפּאַס. דאַן האָב איך איהם געוויזען די בילדער, זאָגענדיג, אַז איהר האָט זיי באַקומען אַלס באַווייז, אַז גיטעל איז ניט דער׳הרג׳עט געוואָרען דורך איהם. כ׳האָב פאַרשטעלט מיט דער האַנט די איבעריגע מענשען, געוויזען איהם נאָר די פּרוי. ער האָט געקוקט מיט אַ טעמפּען בליק און כ׳האָב געמיינט, אַז מיינע רייד, ווי אויך די בילדער, דרינגען ניט אַריין אין זיין באַוואוסטזיין; אָבער צומאָרגענס האָב איך שוין געזעהן דעם אונטערשייד. און נעכטען האָט ער אַליין געבעטען צו זעהן די בילדער. עס איז געווען דער ערשטער מאָל, וואָס ער האָט מיך גערופען ביים נאָמען. „דר. זיידמאַן", האָט ער געזאָגט, „ווייזט מיר די בילדער פון גיטעל׳ען. איך וויל זיי נאָכאַמאָל זעהן".

ירמיהו האָט באַזוכט בירשאַם׳ען אין צוויי טעג אַרום און האָט איהם שוין געפונען אין דעם נייעם צימער אין פּאַוויליאָן. בירשאַם איז געווען אָפּגעשאָרען און ראַזירט, האָט געהאַט די ציין אין מויל און האָט אויסגעזעהן ניט צום דערקענען. ער האָט אָבער ווייניג גערעדט, האָט זיך אַלץ באַנוגענט מיט ענטפערען יאָ און ניין, און אויף פראַגען, וועלכע האָבען פאַרלאַנגט אַן ענטפער פון מעהר ווי איין וואָרט, פלעגט ער ניט ענטפערען.

— ווי פיהלט איהר אין דעם צימער? — האָט ירמיהו געפרעגט. און ווען בירשאַם האָט ניט געענטפערט, האָט ער צוגעגעבען:

— איז דאָ בעסער, ווי אין יענעם הויז?

— יאָ.

— איהר וואָלט געוואָלט אַרויס פון דאַנען און זיך אומקערען אין פענסיאָן?

— ניין.

— פאַרוואָס? אייער צימער וואַרט דאָרטען אויף אייך!

בירשאַם האָט גאָרניט געענטפערט. זיין בליק איז געווענדט צום פלאָר.

— אייער לאָיער, בן־נחום, וויל אייך זעהן. קען ער קומען אַהער? — האָט ירמיהו געפרעגט.

— יאָ.

— איהר ווילט אפשר רעדען אויך מיט אייער קלוירק פון אָפּיס וועגען די ביזנעס?

— ניין.

— פאַרוואָס ניט?

בירשאַם האָט ניט געענטפערט.

און ווידער זיינען דורכגעגאַנגען צוויי טעג. ירמיהו האָט מיטגעבראַכט בירשאַם׳ס לאָיער מיט זיך. דער פּאַציענט האָט זיך ניט פאַרענדערט. ער האָט אויסגעזעהן עטוואָס בעסער, ווייל ער האָט ענדליך געגעסען איצט אַ דאַנק די ציין, אָבער זיין פּסיכישער צושטאַנד איז געווען דער זעלביגער.

בן־נחום האָט געבעטען ביי בירשאַם׳ען ער זאָל אונטערשרייבען עטליכע טשעקס צו באַצאָהלען רענט פאַר׳ן אָפּיס, ווי אויך פאַר אויסנאַבען און „פּעידע" פאַר׳ן קלויירק. בירשאַם האָט מיט אַ ציטערדיגער האַנט אָנגענומען די אויסגעשטרעקטע פּען און האָט אונטערגעשריבען די טשעקס, ניט דורכקוקענדיג זיי.

— פאַרוואָס באַטראַכט איהר ניט וואָס איהר שרייבט־אונטער? — האָט בן־נחום געפרעגט — איהר האַנדעלט ניט ווי אַ ביזנעס־מענש.

בירשאַם האָט ניט געענטפערט, האָט אויסגעשטרעקט די פּען צום לאָיער און האָט ווידער געווענדט זיין בליק צום פלאָר.

— איהר האָט דאָ אונטערגעשריבען טשעקס אויף פיר הונדערט פונט — האָט בן־נחום געזאָגט — פאַר׳ן שפּיטאָל, פאַר׳ן אָפּיס... אינטערעסירט עס אייך גאָרניט אָפּצוטשעקען?

בירשאַם האָט געשוויגען.

— איהר טרויט מיר? — האָט בן־נחום געפרעגט.

— יאָ — האָט בירשאַם אַרויסגעשעפּטשעט.

— ווען רעכענט איהר צוריקקערען זיך אין אָפּיס?

קיין ענטפער.

— איהר ווילט זיך שוין אומקערען אין אָפּיס? — האָט דר. זיידמאַן אַ פרעג געטאָן.

— ניין.

— איהר ווילט דאָ נאָך בלייבען?

— יאָ.

— אויף שטענדיג?

— ניין.

— אויף ווי לאַנג? ווי לאַנג ווילט איהר דאָ בלייבען?

עס האָט זיך זיי אויסגעדוכט, אַז בירשאַם טראַכט וואָס צו ענטפערען. אַ ווײלע האָט עס אויסגעזעהן, אַז אָט־אָט וועט ער עפענען דאָס מויל און זאָגען עפּעס, אָבער ער האָט עס ניט געטאָן. ער האָט פאָרטגעזעצט זיין פאַר׳עקשנ׳טע שטומקייט.

דר. זיידמאַן האָט אָבער ניט פאַרלאָרען זיין אָפּטימיזם. „צייט! צייט! גיט איהם צייט!" — האָט ער געטענה׳ט — „עס איז אַ לאַנגער און קאָמפּליצירטער פּראָצעס. ער געפינט זיך אויפ׳ן וועג צו נאָרמאַלקייט. דער עיקר איז געווען איהם אַרויסצושלעפּען פון זומפּ פון וואַהנזין. דאָס ווייטערדיגע וועט קומען פון זיך אַליין".

ירמיהו איז אַוועק מיט אַ שווערען געפיהל. ער האָט די גאַנצע צייט געהאַט דעם איינדרוק, אַז בירשאַם האָט זיך פאַרשלאָסען אין אַ פעסטונג און וויל קיינעם ניט צולאָזען צו זיך. ער עפענט נאָר אויף אַ קליינעם פענסטערל צו דער וועלט, אָבער אַריינדרינגען נעהענטער צו זיך לאָזט ער ניט צו.

אָבער דער אויסערליכער אויסזעהן פון בירשאַם׳ען, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרבעסערט און דער פאַקט וואָס מען קען שוין רעדען צו איהם, האָבען געגעבען גוטע האָפנונגען. פריהער צי שפּעטער וועט בירשאַם זיך אומקערען צום נאָרמאַלען צושטאַנד. האָט ער דען ניט אַליין געענטפערט, אַז ער וויל ניט בלייבען אויף שטענדיג אין סאַניטאַריום. יאָ! עס מוז נעמען צייט...

(ווייטערס — מאָרגען)

# קאָנצערטען

דער טראָמבאָניסט דעווויס שומאַן וועט שפּילען מאָרגען בייטאָג אין טאַון האָל. אין קאָנצערט וועלען זיך באַטייליגען אַ צאָל אַנדערע סאָליסטען צוזאַמען מיט אַ סטרונע אַנסאַמבעל.

***

מאָרגען אָוונט וועט די פּיאַניסטין באַלבינאַ בראַינינאַ שפּילען די ווערק פון מאָצאַרט, שאָפּען און בעטהאָווען אין טאַון האָל.

***

דער באַס פיליפ באַנד וועט זונטאַג בייטאָג זינגען אין קאַרנעגי האָל די ווערק פון מאָצאַרט, ראַוועל, וואָלף.

***

דער קאָנקאָרדיאַ כאָר וועט זונטאַג אָוונט אויפטרעטען אין קאַרנעגי האָל.

***

מאָנטאָג אָוונט וועט דער פּיאַניסט נאָרדאָן מאָנלי שפּילען אין קאַרנעגי האָל די שאַפונגען פון בעטהאָווען, שאָפּען, דעביוסי און ליסט.

***

דער באַרימטער טשעליסט עדמונד קורץ וועט שפּילען מיטוואָך אָוונט אין קאַרנעגי האָל. זיין פּראָגראַם וועט איינשליסען נומערן פון טשאַיקאָווסקי, בעטהאָווען, האַנדעל און אַנדערע.

***

דער פּיאַניסט ראַלף פּירס וועט מיטוואָך בייטאָג אין טאַון האָל שפּילען די קאָמפּאָזיציעס פון באַך, בעטהאָווען, סקאַרלאַטי און שאָענבערג.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקא ••• פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

די מיידלאך, עלינאר'ס חבר'טעס, פלעגען שוין זיך רייצען מיט איהר וועגען אייבי'ן:

— וואס מאכט עפעס דיין „באי־פרענד"? — פלעגען זיי לאכען, און עלינאר האט מיטגעלאכט מיט זיי.

אייבי איז נאר געווען א גוטער פריינט איהרער, אויף וועמען עס איז גוט זיך אנצושפארען אין א נויט. ער איז געווען ווי א באקוועמער, אויס־געטראגענער שוך, וואס מען גארט אנ־צוטאן, נאכדעם ווי דער נייער שוך האט שטארק אנגעדריקט דעם פוס.

בעלא, די מאמע עלינאר'ס, האט שוין א פאר מאל איבערגערעדט פאר איהר טאכטער, אז אייב וואלט געווען א פאסיגער חתן פאר איהר. עלינאר פלעגט דעמאלט ווערען אויסער זיך פון כעס. יעדער בחור, וואס הויבט אן אריינקומען צו זיי אין שטוב, הויבט שוין די מאמע אן צו פלאנעווען, אז עס קען זיין א חתן...

— וואס איילסט דו מיך אזוי, מא?

— האט עלינאר פארגעווארפען, — איז דען עפעס דער מער מיט מיר, וואס דו ביזט אזוי פארזארגט מיר חתונה צו מאכען?

— רעדסט ווי א קינד, — האט בעלא איהר אפגעענטפערט — א מיי־דעל דארף יונג חתונה האבען. וואס פריהער אלץ בעסער.

עלינאר האט ביי זיך געפיהלט, אז אייב איז ניט דער מאן, וואס זי האט ביי זיך אין געדאנק אויסגע'חלומ'ט. איהר באשערטער, וואס דארף קומען, וועט זיין אימיצער א שטארקער, א פערזענליכקייט, וואס זי זאל זיך דאר־פען איהם אונטערגעבען, און ער זאל קענען באצווינגען איהר הארץ.

אייב גארדאן איז געווען צופיל נאכ־געבּיג מיט איהר. זי האט געקענט מיט איהם אלץ אויספירען. א סך מאל האט זיך איהר געגלוסט אפילו איהם אויספרואווען:

— אייב, אפשר וואלטען מיר גאר געגאנגען היינט ערגעץ פארברענגען?

— אה, אז דו ווילסט נאר, עלינאר...

— וואו זאלען מיר געהן? אפשר אין א מואווי?

— גוט, זאל זיין אין א מואווי. וואו נאר דו ווילסט.

עס איז עלינאר'ן אביסעל פריקרע געווען זיין נאכגעביגקייט, די צופיל ווייכקייט מיט איהר. זי האט איהם געקענט ארומדרעהען ארום איהר מינד־סטען פינגער.

דאך האט זי אין הארצען געהאט צו איהם א גוטען געפיהל. זי האט גע־האט א סך זאכען פאר וואס איהם דאנקבאר צו זיין. געווען צייטען ווען זי איז געזעסען אין שטוב, אין א שלעכטער שטימונג, זיך געפיהלט איי־נע אליין אויף דער וועלט. און עס האט זיך איהר געגלוסט צוטוליען זיך צו אימיצען... „אוועקגעהן פון זיך"...

אייב איז געקומען. ער האט איהר גערופען געהן אין גאס. עלינאר האט זיך אפגעוואשען דאס פנים, זיך אי־בערגעטאן, דערפיהלט זיך אויפגעמונ־טערט און עס איז געווען צוריק גוט.

אייב גארדאן, דער ערנסטער בחור, וואס איז געווען אזוי שטרענג מיט זיך און ער האט מיט אלע חושים זיך אפ־געגעבען צום לערנען, איז געווען פאר־ליבט אין עלינאר'ן. ער האט איהר ליב געהאט אין דער שטיל, און מיט קיין איין ווארט האט ער זיך ניט ארויסגעגעבען. און קיינמאל אפילו ניט געגעבען איהר אנצוהערען דערפון.

ווען עלינאר וואלט געזעהן ווי אייב גי טא כאפ א טיכעלע פון דער ערד, ...

... מייל. ער האט איהר אנגעזאגט און ער איז באלד אויסגעוואקסען לעבען איהר.

— אה, אייב! פון וואנען האסטו זיך גענומען? — האט זי זיך א קער געטאן צו איהם.

— איך האב געדארפט צוגעהן צו א חבר — האט ער געזוכט א תירוץ

— נאר עס איז נישט אזוי וויכטיג. מען קען דאס אפלייגען אויף א אנדערס מאל.

ער האט איהר צוגעפירט צום שטוב און ער האט ביי איהר א פרעג געטאן:

— וואס טוסט דו היינט אין אווענט. דו וועסט זיין אין דער היים?

עלינאר האט איהם א ווילע אנגע־קוקט און זי האט געזאגט.

— יע, אייב, קום צו געהן, אז דו ווילסט.

און אין אווענט זיינען זיי ביידע גע־זעסען אין ליווינג־רום. און עלינאר ...

# איהר לעצטער וואונש

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" פון שלמה בן־ישראל — נאכגעדרוקט פארבאטען

א דעטעקטיוו ראמאן

# פראנץ קורסקי, דער היטער פון דעם בונדישען ארכיוו

(שלוס פון פעירדזש 3)

ער האט אפגעקויפט דעם מענשע־וויסטישען ארכיוו און געבעטען די נאציס זיי זאלען ניט פארנעמען די געביידע פון סאציאליסטישען „פאר־ווערטס" ביז מען וועט ניט איינפאקען און ארויספירען די קאסטענס, וועלכע געהערען דער פראנצויזישער רעגירונג. און קורסקי איז פאקטיש געווען דער ...

טער דער אויפזיכט פון דער ליג און נעישאנס.

ווען איך פלעג מאנכע ווערטלאזע דרוקזאכען וועלען ארויסווארפען, פלעגט קורסקי מיר ניט לאזען. און איינמאל אויף מיין פראגע, צי וואס ברויכט ער דאס? האט ער מיט א טרויעריגען שמייכעל געזאגט:

— מעגליך עס איז א נארישע גע־וואוינהייט! אבער עס פעהלען אזוי ...

# ליכט און שאטען אין לעבען פון דער יונגער מדינה

(שלוס פון זייטעראל פעירדזש)

# דזשאן ל. לואיס, די מעכטיגסטע פערזענ־ליכקייט אין דער ארבייטער באוועגונג

(שלוס פון פעירדזש 3)

# קרובים געזוכט



# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— וואָס ווילסטו איך זאָל דיר דער־צעהלען, עלינאָר?

— זאָג מיר עפּעס וועגען מיר אַליין. וואָס פאַר אַ סאָרט מיידעל איך בין.

— אַה! — האָט אייב ניט געפונען קיין ווערטער.

— יע, זאָג מיר אַלץ... מיינע חסרונות... איך ווייס, איך בין זעהר אַ שלעכטע...

— דו ביזט שלעכט? — האָט אייב איהר אַריינגעקוקט אין די אויגען — ס'איז ניט אמת.

— פאַרוואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר, אייב?

— דו ביזט זעהר אַ שעהנע — האָט אייב שווער אַרויסגעבראַכט די רייד. ער האָט אַ לאַך געטאָן, צו מאַכען זיי־נע ווערטער אויסזעהן גרינגער.

— זאָג מיר ניט אַז איך בין שעהן... איך וועל זיך צופיל איבערנעמען — האָט עלענאָר מיט איהם אַ שפּאַס גע־טאָן — מען זאָגט שוין אַזוי אויך, אַז איך בין „סטאַק־אַפּ" (פאַרריסען ביי זיך).

— אָנעסטלי, — האָט אייב איהר פאַרזיכערט — איך מיין דאָס אויף אַן אמת.

ווונדער זיינען זיי שטיל געוואָרען. עלינאָר'ן איז געקומען אויפ'ן זינען מילטאָן, דער פאַרשייטער יונג, וואָס האָט זיך איהר אַנומלטען ערקלערט אין ליבע. ווען מילטאָן זייט דאָ איצט מיט איהר, וואָלט ער איהר שוין אַרומ־גענומען, געקישט. ער וואָלט שוין אַזוי שטיל ניט געזעסען מיט איהר.

— דו קענסט מילטאָנ'ען? — האָט עלינאָר ביי אייבי'ן געפרעגט.

— יע, ער איז אַ שעהנער יונג, מיל־טאָן — האָט אייב אַרויסגערעדט מיט קנאה.

— אָבער ער איז אַ פּוסטער, אַ גאַרנישט. איך האָס איהם.

— זעהסטאָך, און די מיידלאָך פּאַ־לען אַוועק פאַר איהם.

— ניט איך! — האָט עלינאָר זיך אַ כאַפּ געטאָן — איך האָב איהם גלייך דערקענט.

— איך זאָג ניט אַז דו, — האָט זיך אייב פאַרענטפערט — איך מיין די אַנדערע מיידלעך.

אייב האָט פאַררינען דעם קאָפּ צום טונקעלען הימעל מיט די פינקלענדיגע שטערען.

„זאָל ער איצט זאָגען עלינאָר'ן ווי ליב ער האָט איהר? — ניין. זי וועט נאָר אָפּלאַכען פון איהם". אַ לאַנ־גע צייט איז ער אַזוי געזעסען אַ פאַר־טראַכטער.

— איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבען... — האָט ער אַרויסגערעדט מיט גרויס געפיהל.

— איך אויך ניט — האָט עלינאָר אַ זאָג געטאָן עפּעס גלאַט אַזוי.

— אייב,—האָט עלינאָר מיט אַמאָל זיך אָפּגערופען — איך וואָלט וועלען ערגעץ אויסגעהן, פאַרברענגען. אפשר וואָלסטו געגאַנגען מיט מיר ערגעץ אויף בראָדוועי?

— אַה, אַז דו זאָלסט נאָר וועלען — האָט אייב זיך אַ כאַפּ געטאָן — זאָג מיר וועלכע שאָו דו ווילסט זעהן, וועל איך אַנגרייטען בילעטען.

— איך וויל ניט קיין שאָו, — האָט עלינאָר גערעדט מיט איהר האַלב־שפּאַסיגען טאָן — איך וויל מיר זאָ־לען געהן ערגעץ אין אַ „נאַיט־קלאַב."

— ניין, דאָס טו איך ניט! — האָט אייב אַן ערנסטער אַרויסגערעדט — איך זאָל דיך פירען אין אַ נאַיט־קלאַב?

— וואָס רעדסטו, עלינאָר?

עס איז געווען אין זיין טאָן געטריי־שאַפט צו איהר... ווי ער וואָלט איהר וועלען פאַרהיטען פון שלעכטס. עלי־נאָר האָט אַ שמייכעל געטאָן. עס איז איהר גוט געווען צו פיהלען, אַז זי איז אימעצען טייער... מעג דאָס אפילו זיין אייב...

אַז אייב האָט איהר צוגעפירט צו דער שטוב איז ער־נאָך לאַנג ניט אוועק אַהיים. ער האָט אַריינגענומען איהר האַנט אין זיינער און פון אַלע זייטען באַטראַכט:

— וואָס פאַר אַ קליינע הענטעל דו האָסט, עלינאָר...

„אייב איז היינט צו סענטימענ־טאַל" — האָט עלינאָר ביי זיך אַ טראַכט געטאָן. זי האָט איהם אַ קוק געטאָן אין די אויגען. עס האָט זיך געפיהלט אין זיין בליק ווי ער גאַרט נאָך איהר. ער האָט מסתמא אין גע־דאַנק איהר אַרומגענומען און געקושט. עלינאָר איז נאָר געווען אַ לעבעדיגער מענש. זי איז געווען אַ פרוי, און עס האָט זיך איהר איבערגעגעבען דער באַ־זונדערער, ליידענשאַפטליכער ציטער, דער אויפברויז פון איהר בלוט, וואָס זי איז געווען געוואוינט אין זיך צו צאַמען.

— אַ גוטע נאַכט, אייב! — האָט זי געגעבען אַ רעד אַרויס גיך, אָפּגע־ריסען.

אייב איז אַוועק. זי איז געשטאַנע־ און אים נאָכגעקוקט אַ ווייל'ע, אַ פאַר־בענקטע, אַן אומעטיגע, מיט אַ באַגער אין זיך אימיצען צו ליב האָבען...

אייב, שפּאַנענדיג אויפ'ן וועג צו זיך אַהיים, האָט אונטערגעפייפט עפּעס אַ ניגון, ווי ווילענדיג זיך אַליין צוגע־בען מוט.

עלינאָר האָט ביי זיך אַ טראַכט גע־טאָן:

„דער נאַרישער אייב... וואָס האָט ער אין זינען?..."

אַזאַ איז זי געווען, עלינאָר, ביז זי האָט לאַרי'ן דערקענט — דעם יונגען־מאַן, לאָורענס פינקעל. זי האָט זיך אין איהם פאַרליבט. און זי האָט דער־מאַלט געפיהלט, אַז ענדליך האָט ער זיך צו איהר באַוויזען... ער איז געקו־מען צו איהר... איהר אמת'ער באַשער־טער...

## קאַפּיטעל 8

דאָס איז געווען אין איינעם אין אַ שבת ביינאַכט אויף אַ פּאַרטי ביי איהר חבר'טע מאַרטהאַ, ווען עלינאָר האָט לאַרי'ן צום ערשטען מאָל דערקענט.

מאַרטהאַ'ס טאַטע־מאַמע האָבען געפּראַוועט די חתונה פון זייער איינג־סטער טאָכטער, די מוזינקע. די אמת'ע חתונה איז גאָר געווען מיט אַ פּאָר טעג פריהער, געפּראַוועט לויט די אידישע פירונגען, מיט אַ חופּה, אַ רב און אַ שעהנע וועטשערע פאַר די געסט. נאָר היינט אָוונט איז געווען די פּאַרטי פאַר דער יונגוואַרג, מאַר־טהאַ'ס פילע פריינט, די בחורים און מיידלאָך פון דעם „באַנטש".

מאַרטהאַ, די אויסגעכאַוועטע פון אַלטמאָדישע טאַטע־מאַמע, האָט אויס־געקוקט געהויבען, און מיט איהר וואַ־רעמען שמייכעל אויפ'ן יונגען פּנים האָט זי אויסגעזעהן ווי זי וואָלט וועלען אַלעמען אַרומנעמען און קושען, און איהר חתן, דער לאָיער, הויך און עלעגאַנט, מיט אַ לענגליך, גלאַט־ראַ־זירטען פּנים און פּיצלאַך וואַנצעלאַך און מיט די האָר גלאַט און גלאַנציג פאַרקעמט, איז מיט פאַרליבטע אויגען נאָכגעגאַנגען מאַרטהאַ'ס יעדען קער.

די יונגוואַרג האָט זיך דאָ געפיהלט פריי. זיי האָבען זיך פאַנאַנדערגע־שפּרייט איבער די גרויסע צימערען פרעהליכע און רוישיגע. מאַרטהאַ'ס עלטערן האָבען געוואוינט אין די בראָנקס אין אַ קליינע, פּריוואַטע הויז, וואָס איז געשטאַנען אַריינגע־שטופּט צווישען צוויי הויכע אַפּאַרט־מענט־הייזער. נאָר אינווענינג אין הויז זיינען די צימערען געווען זעהר גע־ראַם. עלינאָר האָט זיך דאָ אויך היי־מיש געפיהלט אין דער היים פון איהר באַליבטער חבר'טע מאַרטהאַ.

צווישען די זעלטענע געסט איז דאָ היינט אויך געווען איינער לאָורענס פינקעל — לאַרי, ווי זיי האָבען איהם דאָ אַלע גערופען. אויך ער האָט באַ־לאַנגט צו דעם זעלבען קרייז פריינט, מאַרטהאַ'ס. נאָר ער האָט די לעצטע פאַר יאָהר אַ ביסעל זיך דערווייטערט און זעלטען ווען ער האָט זיך באַווי־זען צווישען זיי. ער איז געווען צו־פיל פאַרנומען.

לאַרי איז געגאַנגען אין קאַלעדזש און האָט שטודירט מעדיצין. ער האָט איצט געוואוינט דאַון־טאַון, נעהענ־טער צום קאַלעדזש. ער האָט שוין גע־נומען אַרויספאַלען פון דעם קרייז פריינט. נאָר היינט, צו מאַרטהאַ'ס חתונה, איז ער געקומען.

(ווייטערס — מאָרגען)

## באַנקעט פון דער רומענישער אַרבייטער ליג, היינט

אַז עולם רומענישע לאַנדסלייט פון אַרבייטער רינג בּרענטשעס, טרעיד יוניאָנס און פון לאַנדסמאַנשאַפטען ווערט ערוואַרט צו דעם באַנקעט פון דער רומענישער אַרבייטער ליגע, וואָס וועט פאַרקומען היינט, זונטאָג, אין קע־פּיטאַל האָטעל, 8טע עוועניו און 51טע סטריט.

אין דער רומענישער אַרבייטער ליגע זיינען פאַראייניגט בּרענטשעס פון אַרבייטער רינג מיט רומענישע לאַנדס־לייט. אין די לעצטע וואָכען האָט די רומענישע אַרבייטער ליג אַרויסגע־שיקט הונדערטער פּעקלעך קליידער און שפּייז קיין רומעניע. דאָס איז דער איינציגער וועג אויף וועלכען מען קען גרייכען מיט הילף צו די רומעני־שע אידען.

פאַר אַט דעם הילף קאַמפּעין ווערט אַראַנזשירט דער באַנקעט. אחוץ די אַרבייטער רינג בּרענטשעס האָבען אויך טרעיד יוניאָנס און לאַנדסמאַנ־שאַפטען זיך אָפּגערופען אויפ'ן אַפּיל פון דער רומענישער אַרבייטער ליגע.

ווער עס האָט נאָך נישט געמאַכט קיין רעזערוועישאַן קען קומען דירעקט צו דעם האָטעל היינט, פאַר 6 אַזייגער אָוונט. די אַרענדזשמענט קאָמיטע האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז אַ צאָל צו־גאָב פּלעצער זאָל צוגעגרייט זיין פאַר די וואָס האָבען נישט געמאַכט קיין רעזערוועישאַנס.

# די גאַרמענט טרעידס און די יוניאָן אין קאַליפאָרניע

פון ה. לאַנג

(שלוס פון פעידזש 3, סעקשאַן 2)

מען דער פאַקט וואָס דעפּאַרטמענט־סטאָרס אין דער וועסט האָבען אַ צוויי־פאַכע פאַרבינדונג: זיי זיינען אי „טשעין־סטאָרס" אין די וועסטערן גרעניצען גופא, אי פאַרקייטעלט מיט דעפּאַרטמענט־סטאָרס אין ניו יאָרק, וואָס דאָס רופט זיך אָפּ אויף דעם פאַנאַנדערגאַנג פון סחורה בכלל און פון גאַרמענט בפרט, און ממילא אויף פּרייזען און אַרבייטס־לוין, אין וועל־כע די יוניאָן האָט אַן אינטערעס. און דאָס וואָס די אייגענטימער פון די דע־פּאַרטמענט־סטאָרס און די הויפּט־פאַר־וואַלטערס זייערע זיינען פון פאַרקיי־טעלטע אידישע פאַמיליעס אין דער וועסט, און די יוניאָן איז היסטאָריש אַ אידישע, שאַפט זיך צומאָל אַ סיטו־אַציע סאַי פון אַ אידישער קלאַסען־צוטיילונג, סאַי פון אַ אידישער קלאַ־סען־פאַרשטענדיגונג.

עס איז אַריין אין אונזער שמועס אויך דער פאַקט וואָס וועסטערן גאַר־מענט־פירמעס זיינען ניט קיין קליינע אינוועסטאָרס אין דער מאָוווי־אינדוס־טריע מיט איהרע האָליוואָודער סטו־דיאָס. און גאָר אַן אַנדער פאַקט — וועגען פעלקער אין דער וועסטערן גאַרמענט־אינדוסטריע: מעקסיקאַ־נער, יאַפּאַנעזער און כינעזער אַלס שכנים פון די אידען, פּונקט אַזוי ווי איטאַליענער און נעגערס און אידען זיינען עס אין ניו יאָרק.

מיט יאַפּאַנעזישע אַרבייטער איז אַ באַזונדער פּראָבלעם. ביז דער צוויי־טער וועלט־מלחמה זיינען זיי צו דער אינדוסטריע כמעט ניט צוגעטראָטען. די יאַפּאַנעזישע באַפעלקערונג איז צום מייסטענס באַשטאַנען פון פּרוכט־פאַרמערס און געשעפטסלייט מיט קינ־דער אין די קאַלעדזשעס. יעדע פאַמי־ליע האָט געהאַט עטליכע סטודענטען.

די מלחמה האָט זיי אַרויסגעוואָרפען פון זייערע קאָלאָניעס און היימען, און דער גאַנצער עקאָנאָמישער לעבען זייע־רער איז פאַנאַנדערגעפאַלען. זיי זיי־נען איצט צוריקגעקומען צו זייערע היימען, אָבער ניט צו זייער פריהער־דיגען עקאָנאָמישען שטאַנד. האָבען די קינדער זיך אַ לאָז געטאָן צו די גאַר־מענט־שעפּער.

און אַ באַזונדער פּראָבלעם זיינען די „הויז־פרויען" אין די שעפּער, און דאָס איז ביי אידען ווי ביי ניט־אידען. מען אַרבייט אין די „ספּאָרט־וועער טרעידס" זיבען־און־דרייסיג־און־אַ האַלב שטונדען אַ וואָך, צוטיילט אויף פינף טעג, און די פּרייזען קען מען אויסדינ־גען וואָס העכערע (שטיק־אַרבייט) מעלדן זיך אין די שעפּער מיטעליעה־ריגע פרויען, מוטערס פון אויסגעוואַ־קסענע קינדער, צו פאַרדינען אַביסעל עקסטראַ געלט. אַלס אַ כלל זיינען זיי ניט קיין שטאַנדהאַפטער עלעמענט פאַר אַ יוניאָן, אָבער ס'האָט זיך דורך זיי געשאַפען אַן אינטערעסאַנטע „קאַ־מונע"־סיסטעם אין די שעפּער, וואָס באַרופט זיך אויף אַ פּונקט אין די אָפּ־מאַכען צווישען דער יוניאָן און די באַלעבאַטים וועגען גלייכע אַרבייטס־צוטיילונג „ווען דער סעזאָן ברענט ניט". פרויען פאַרשטענדיגען זיך דער־מאָלט צו אַרבייטען ווי אַ גרופּע אינ־איינעם, מיט איין קאַסע. ניט אַלע דאַרפען שוין אַריינקומען אין שאַפּ יעדען טאָג. מען בייט זיך מיט אַר־בייטס־טעג, און די פאַרדינסטען ווע־רען צוטיילט גלייך.

אונזער שמועס געהט־אָן. דאָס בילד פון דער יוניאָן וויקעלט זיך פאַנאַנ־דער. עס איז דאָ אַ וואַקעישאַן־פאַנד, און אַ קראַנקען־פאַנד, און עס בויט זיך אַ העלט־צענטער; און עס זיינען דאָ עדיוקעישאַן־ביוראָס, און די אינ־טערנעשאַנאַל פאַרמאָגט דאָ אַן איי־גענע ראַדיאָ־סטאַנציע, און אַ וואַכ־זאַמער סטעף אַפּערירט אין אַלע אָפּ־טיילונגען פון דער אָרגאַניזאַציע, צו־מייסטענס יונגע מענשען פון אַמערי־קאַנער סאָציאַליסטישע ריכטונגען.

פון אַ וואַנט קוקען אַראָפּ בילדער פון די דריי אינטערנעשאַנאַל־פּרעזידענ־טען, וועלכע האָבען געשאַפען געשיכטע אין אונזער אומגעבונג, יעדער מיט זיין כאַראַקטער און זיין אידעאַליזם, און יעדער אין זיין צייט — דער ליטוואַק שלעזינגער, דער בעסאַראַביער זיגמאַן, און דער פּוילישער דובינסקי. ליוואַי איז אַן אוקראַאינער לאַנדסמאַן. האָבען מיר דאָ רעפּרעזענטירט פיר פון אונ־זערע אַלטע לענדער ביי אַנטוויקלונגען אין דער נייער פרייער וועלט, פון'ם אַטלאַנטיק ביז'ן פּאַסיפיק. איך האָב דורכגעלעבט אין ליוואַי'ס אָפּיס גע־פיהלפולע שטונדען.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

די יונגוואַרג האָט איהם דאָ אַרומגערינגעלט, זיך מיט איהם גע־פרעהט, געדריקט איהם די האַנט, און פון אַלע זייטען האָט ער געקענט הע־רען:

— לאַרי, העלאָו לאַרי! וואָס מאַכסטו איצט? וואָס טוסטו?

— איט'ס נייס טו סי יו עגען (עס איז גוט צו טרעפען אייך ווידער)— האָט לאַרי צו אַלעמען גערעדט מיט זיין טיפע, ברוסטיגער שטימע. — איך האָב זיך שוין טאַקע פאַרבענקט נאָך אייך אַלעמען.

ווענען לאַרי'ן האָט מען דאָ גע־וואוסט, אַז עס ערוואַרט איהם אַ גרוי־סע קאַריערע און אַז ער געהט אויפ'ן וועג פון ערפאָלג. ער האָט, ווי אַ סך אַנדערע יונגע בחורים, געטאָן פריהער אַלערליי שווערע אַרבייטען אַז ער זאָל קענען זיך לערנען אין קאָלעדזש. נאָר לאַרי האָט עס געטאָן מיט מעהר חשק און עקשנות. זיין אַמביציע איז גע־גאַנגען ווייטער ווי זיין נאָר אַ דאָק־טאָר. ער האָט זיך געגרייט צו ווע־רען אַ ספּעציאַליסט אַ סוירדזשען (אַ כירורג), און ער האָט שוין איצט גאַרבייט אין אַ שפּיטאָל ווי אַן „אַסיסטענט" צו אַ פּראָפעסאָר, און מען האָט איהם שוין אַנגעטרויט קליינע אָפּעראַציעס.

לאַרי איז געווען אַ ביסעל העכער פון מיטעלען וואוקס, ברייט־פּלייציג און מיט אַן ענערגישען, פלינקען טראָט. פון זיין יעדען קער האָט גע־אָטעמט מיט יונגער ענערגיע. ער האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט זעהר שוואַר־צע געדיכטע האָר און אַזעלכע שוואַר־צע, פולע ברעמען, וואָס האָבען זיך צונויפגעצויגען נאָהענט ווען ער האָט געקוקט אויף אַ מענשען. אויגען שמאָ־לע, קלוגע, און אַ גלייכען לענגליכען נאָז. דער גאַנצער שטעל זיינער איז געווען ווי פון אַ מענשען מיט ווילען, מיט כאַראַקטער.

אַנגעטאָן איז לאַרי געווען אין אַ שוואַרצען אַנצוג, פון גוטען שניט, מיט אַ שניי־ווייסען קאָלער און דעם שניפּס נעט און שעהן אויסגעבונדען. דאָס און דער פרישער קאָליר פון זיין פּנים און זיין טיפע ברוסטיגע שטי־מע, האָט געמאַכט איהם אויסקוקען קרעפטיג און מענעריש־שעהן.

געהאַלטען האָט ער זיך גרינג, פּשוט און אָהן גאווה. ער האָט אויס־געקוקט עלטער פון זיינע יאָהרען, וויכטיג, אַ פּערזענליכקייט, און אַרויסגערופען צוטרוי צו זיך, ווי איי־נער, וואָס איז גוט צו פאַרלאָזען זיך אויף איהם. די מיידלאַך האָבען יענעם אָוונט אַרומגעפלאַטערט, מער אויפ־געלעבט. ניט ווילענדיג האָבען זיי יעדע ווײַלע געקערט זייערע בליקען אין לאַרי'ס זייט, וואָרים לאַרי איז געווען אַ בחור, וואָס האָט געקענט אַרויסרופען אינטערעס צו זיין פּער־זאָן, אַז אַ מיידעל זאָל דערנאָך לאַנג ווענען איהם טראַכטען און חלומ'ען און זיין צוליב איהם אויפגערודערט.

עלינאָר האָט ניט ליב געהאַט אַזעלכע בחורים וואָס געפעלען „אויף דעם ערשטען בליק" און וואָס מייד־לאַך רינגלען זיי אַרום. ווי עס האָט אָפּט מיט איהר פּאַסירט, האָט עס איצט אויך אַרויסגערופען אין איהר אַ געפיהל פון צו'להכעיס, אַז זי האָט געזעהן ווי לאַרי איז אַזוי גוט אויפ־געלייגט און ער אַמוזירט זיך מיט די מיידלאַך. זי איז אויך צוגעגאַנגען צו לאַרי'ן מיט אַ לייכטען חוזק־שמייכעל אין די אויגען און זי האָט זיך אָפּגע־רופען מיט אַ פרעהליכען קול:

— ווען וועט איהר אונז רופען צו אייער אייגענער חתונה, לאַרי? מיט אַ רייכער כלה — האָט זי נאָך צוגע־געבען. לאַרי האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר איבערראַשט. אַזוי אומגעריכט איז געווען איהר פראַגע, אַז ער האָט ניט געפונען וואָס צו זאָגען. נאָר באַלד איז ער געקומען צו זיך. מיט צונויפ־געצויגענע ברעמען האָט ער עלינאָר'ן אַנגעקוקט:

— אַה, ס'איז דאָך עלינאָר. איך האָב אייך פריהער גאָרניט דערקענט.

— יע, דאָס בין איך. העלאָו, לאַרי!

— האָט עלינאָר אַ לאַכענדיגע מיט איהם זיך באַגריסט.

זי איז היינט געווען אין איינער פון איהרע בעסטע שטימונגען. מיט איהר פּנים אויסדרוקספול, וואָך מיט אַלע חושים, איהרע אויגען האָבען גע־פינקעלט שטיפעריש, אַרויסרופענדיג. זי איז געגאַנגען אַנגעטאָן אין אַ קלייד פון אַ בלייך־גרינעם קאָליר, וואָס האָט אַרומגענומען שטייף איה־רע דינע, באַוועגליכע גלידער. איהרע געלאָקטע, ברוינע האָר האָבען געהאַט אַ שימער פון גאָלד אין זיי. לאַרי האָט איהר אַנגעקוקט מעהרער, און ער האָט אַזוי ווי פאַרגעסען אַז די אַנדערע מיידלאַך.

— דו ביזט אַזוי שעהן אויסגעוואַק־סען, עלינאָר! — האָט ער אַנגענו־מען אַ גרינגען טאָן. — וואו ביזטו געווען די גאַנצע צייט?

—כ'בין געווען זוכען אַזוינס וואָס איז גאָר ניטאָ — האָט עלינאָר אַלץ געשפּאַסט.

נאָך מענשען זיינען צוגעגאַנגען צו לאַרי'ן, נייגעריג אַ שמועס טאָן מיט איהם: בחורים, וואָס האָבען מיט איהם צוזאַמען אין איין סקול געלערענט; מיידלאַך האָבען זיך אָפּגעשטעלט לע־בען איהם און ווילענדיג קאָקע־טירט מיט די אויגען, מיט די גלידער. עלינאָר האָט זיך אָפּגערוקט פון לאַ־רי'ן און זי איז אַוועק אין אַן אַנדער צימער, און דאָרט איז אויך פול גע־ווען מיט דער רוישיגער און פרעהלי־כער יונגוואַרג.

אַרום מאַרטהאַ'ן האָבען זיך פאַר־זאַמעלט אַ סך פון איהרע פריינט. מען האָט זיך צוגעוואונשען און גע־קושט, און ביי מאַרטהאַ'ן זיינען פאַר־לאָפען געוואָרען די אויגען מיט אַ טרער פון פרייד. אין גרויסען לי־ווינג רום איז אַוועקגעשטעלט געוואָ־רען אַ טיש מיט אַ סך צובייסען און וויין, און מיט אַזאַ געמישטען גע־טראַנק, אַ „קאָקטעיל". מאַרטהאַ'ס טאַטע־מאַמע האָבען מיט זייערע גע־קאַרבטע, נאָר שיינענדיגע פּנים'ער, זיך דורכגעשלייכט דורכ'ן עולם. יעדער מאָל צוגעבראַכט פרישע עסענוואַרג און נאַשערייען, מיט ברייטקייט, מיט אַ פולער האַנט, האָבען זיי געזעהן אַז צו דער פּאַרטי זאָל גאָרניט פעהלען. און אַליין האָבען זיי זיך געהאַלטען אַן אַ זייט, ווי אין שאָטען, אַז די יונג־וואַרג זאָל ניט זיין געשטערט און זיי זאָלען וואָס בעסער דאָ היינט פאַר־ברענגען.

אין לויפט האָט זיך געטראָגען אַ זשומעריי פון אַלערליי שטימען, פרעהליכע שמועסען און געלעכטער. יונגע פרייד און שפּילעוודיגקייט האָט געהויכט איבער אַלעמענ'ס פּנים'ער. ליבע און לייכטער פלירט האָט דאָ געקראָגען אַן אויסדרוק. אין איין צימער האָט מען אָנגעשטעלט די ראַ־דיאָ. אַ וואַלס האָט אויפגעשפּילט און באַלד האָבען פּאָרלעך זיך אויסגע־קליבען און מען האָט געטאַנצט אין דער ענגשאַפט, לאַנגזאַם און פאַר־חלומ'ט, און צוגעזונגען דעם ניגון פון דעם וואַלס.

אין אַן אַנדער ווינקעל, צווישען אַ גרופּע יונגע מיידלעך און בחורים, איז אַנגעגאַנגען אַ לעבעדיגער שמועס. פּראָגעס פון לעבען, פון ביכער, פון אַ נייער פאָרשטעלונג אין טעאַטער איז פון זיי דיסקוטירט געוואָרען מיט יונ־גער ערנסטקייט.

עלינאָר איז צו קיין איינער פון די גרופּעס ניט צוגעשטאַנען. עס האָט זיך איהר ניט געגלוסט איצט אין קיין זאַך נעמען אַן אַנטייל. איהר פריער־דיגע געהויבענע שטימונג איז שוין אַביסעל געפאַלען. זי האָט פון דער־ווייטענס געזעהן ווי לאַרי איז גע־שטאַנען מיט איינער פון די מיידלעך. די מיידעל יענע האָט איהם צוגע־טראָגען אַ גלעזעל וויין און גענומען זיך אויף איינע פון זיי האָבען ביידע געטרונקען. דערביי האָבען זיי ביידע פרעהליך פון עפּעס געשמועסט און געלאַכט.

עלינאָר האָט איצט ניט געהאַט שוין קיין באַזונדערען אינטערעס אין דעם אָוונט. זי האָט געוואונשען, אַז די פּאַרטי זאָל זיך שוין וואָס גיכער ענדיגען און זי זאָל שוין קענען געהן אַהיים. זי האָט אַוועקגעוואַנדערט פון איין צימער אין דעם אַנדערען, איהרע בליקען ניט קלאָר, ווי מיט אַ טוי פאַרצויגען. זי איז צוגעגאַנגען דאָ צו איין מענשען, דאָ צו אַן אַנדערען, געשמייכעלט, אַרויסגערעדט צו יעדע־רען אַ וואָרט, מען זאָל ניט דערקענען אין איהר ווי זי לאַנגווייליגט זיך.

איצט האָט זי זיך געפונען אין אַ זייטיגען צימער, מיט אַ טיר וואָס האָט געפיהרט אין דרויסען צו דער ווע־ראַנדע אָדער באַלקאָן. זי האָט גע־עפענט די טיר און אַ קיהל ווינטעל האָט איהר אַ ווייהע געטאָן אַנטקעגען איהר צוהיצטען פּנים. עס איז גע־ווען אַ וואַרימע האַרבסטיגע נאַכט. זי איז אַרויס אויפ'ן באַלקאָן, פאַר־מאַכט הינטער זיך די טיר און דאָ איז זי געבליבען שטעהן, זיך אָנשפּאַ־רענדיג אין דעם פאַרענטש און אַריינ־אָטעמענדיג אין זיך די פרישע, נאַכ־טיגע לופט.

אַ לאַנגע ווײַלע איז עלינאָר דאָ אַזוי געשטאַנען איינע אַליין אויפ'ן באַלקאָן, אַנגעשפּאַרט אַן פאַרענטש. אַרום איז געווען שטיל. ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט. וואו ניט וואו האָט אַ פאַרשפּעטיגטער דורכגעהער געאיילט אַהיים און זיינע טריט האָבען אָפּגעהילכט ווייט אַרום אין דער שטילקייט. דורך דער האַלב־פאַרמאַכטער טיר האָט זיך דערטראָ־גען אַהער דער גערויש פון דער פּאַר־טי, אינווענינג אין די צימערען. אַ פאַרבענקטע האָט זי אַ קלער געטאָן: די פּאַרטי איז אין פולען גאַנג און זי פעהלט דאָרט קיינעם ניט אויס.

זי האָט דערהערט אימיצענ'ס האַס־טיגע טריט זיך דערנעהענטערן אַהער. עס האָט איהר געגומען קלאַפּען אין האַרצען. די טיר צום באַלקאָן האָט זיך געעפענט און לאַרי איז אַרויסגע־קומען אַהער צו איהר. זי איז אפילו געווען ניט צופיל איבערראַשט. זי האָט אַזוי ווי געפיהלט אַז ער וועט אַרויסקומען צו איהר.

(ווייטערס — מאָרגען)

# איהר לעצטער וואונש

א דעטעקטיוו ראָמאַן

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס" פון שלמה בן־ישראל

נאַכדרוק פאַרבאָטען

(לעצטע פאָרטזעצונג)

ירמיהו האָט זיך איינגעהערט עט־ליכע מינוט צום לאַיער'ס רייד, און ווען ער האָט אויפגעהאַנגען דעם רע־סיווער פון טעלעפאָן, האָבען די אַרו־מיגע באַמערקט, אַז דער יונג איז אַ ביסעל צורודערט פון דעם, וואָס ער האָט געהערט.

— וואָס אַזוינס האָט ער דיר דער־צעהלט? — האָט סענדער אַ פרעג געטאָן ביי ירמיהו'ן.

— עס איז אַ מערקווירדיגע גע־שיכטע — האָט ירמיהו אויסגערופען, פאַררויכערענדיג אַ סיגאַרעט — עס שטעלט זיך אַרויס, אַז בירשאַם האָט געזאָלט ווערען אַ שותף מיט די צוויי אַמעריקאַנער. בן־נחום האָט מיר דער־צעהלט, אַז זיי האָבען איהם פאָרגע־שלאָגען אָפּצוקויפען דעם אַרומיגען באָדען, וואָס געהערט צום אַראַבער שעיך אַבו־יונים און וואָס גרעניצט זיך מיט זייער פּרדס דאָ.

— נו, וואָס־זשע איז דאָ אַזוינס מערקווירדיגעס? — האָט סענדער זיך פאַרוואונדערט.

— בן־נחום האָט מיר דערצעהלט, אַז בירשאַם'ען איז געפעלען געווען דער פאָרשלאַג און ער האָט עס זעהר ערנסט באַטראַכט. בן־נחום און ביר־שאַם, צוזאַמען מיט די צוויי אַמערי־קאַנער, זיינען אַרומגעפאָהרען אַ האַל־בען טאָג צוזאַמען, באַטראַכטענדיג דעם באָדען פון דעם אַראַבער. זיי האָ־בען זיך גערייכט, אַז בירשאַם איז שוין גרייט צו שרייבען אַ קאָנטראַקט. פּלוצלונג אָבער האָט בירשאַם חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער געשיכטע. ווי נאָר זיי זיינען צוגעפאָהרען אַהער, צום פּרדס, און זיינען אַריין אין „בית־האריזה", האָט בירשאַם פּלוצלונג ער־קלערט, אַז ער האָט זיך איבערלעגט און ער וויל ניט ווערען קיין שותף מיט די צוויי.

— דו מיינסט, ער האָט חרטה באַ־קומען, ניט־מיר ניט־דיר, אָהן אַ פאַר־וואָס און פאַרוואָס? — האָט סענדער געפרעגט.

— ריכטיג — האָט ירמיהו צוגע־שאָקעלט מיט'ן קאָפּ — עס איז גע־שעהן גאַנץ אומגעריכטערהייט. ווי נאָר זיי זיינען צוגעפאָהרען אַהער, צום פּרדס. און ווען בן־נחום האָט דער־הערט, אַז בירשאַם האָט זיך אויפגע־האַנגען דאָ, אין דעם פּרדס, איז איהם די גאַנצע זאַך איצט אומפאַרשטענד־ליך, ער קען עס ניט באַגרייפען.

— איך באַגרייף עס אויך ניט — האָט סענדער אַ בורטשע געטאָן.

— מיר דוכט זיך, אַז די פּאָליציי קומט! — האָט אויסגערופען דר. זיידמאַן, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר פון פּאַק־הויז — איך הער אַ קאַר אַנקומענדיג.

אויך „גבור" האָט געהאַט דער־הערט די אַנקומענדיגע קאַר און האָט שוין זינט עטליכע מינוט געקוקט אין דער ווייטקייט, ברומענדיג אַ בייזע וואָרנונג. סענדער האָט איהם צוגע־האַלטען ביים רימען, ער זאָל זיך ניט אַ וואָרף־טאָן און נעמען לויפען באַ־געגענען די אַנקומענדיגע.

זיי זיינען אַלע אַרויס אין פּרדס. אין מזרח האָט דער הימעל זיך גע־האַט פאַררויטעלט מיט'ן אָנזאָג פון דעם אַנקומענדיגען טאָג. די מילכי־גע גרויקייט פון פאַרטאָג איז זיך צו־שוואָומען און די אַראַנדזשען האָבען אָפּגעשפּיגעלט די רויטקייט פון הי־מעל. די שפּיצען פון די ביימער האָ־בען זיך צופינקעלט ביי די ערשטע שטראַלען פון דער זון.

אַן אָפיצער און דריי פּאָליסלייט זיינען אַנגעקומען פון טויער, וואו זיי האָבען געלאָזט זייער אַטאָמאָביל. ירמיהו האָט אין קורצען איבערגעגע־בען דעם אָפיצער פון געשעהענעס.

— איהר נעמט־איבער איצט, איהר דאַרפט אונז ניט מעהר — האָט ער געזאָגט — און ווען איהר וועט אונז דאַרפען, ווייסט איהר וואו אונז צו געפינען. זיין לאַיער וועט דאָ באַלד אַנקומען. איהר קענט אַראַנזשירען מיט איהם די איינצעלהייטען פון דער לויה.

— איך וועל שפּעטער צוקומען צו אייך אין סאַניטאַריום — האָט דער אָפיצער געזאָגט צו דר. זיידמאַן'ען — איהר קענט איצט געהן. איך זעה, אַז איהר זענט אַלע מיד און דורכגע־פרוירען...

די פינף מענער מיט'ן הונט האָ־בען זיך געלאָזט געהן צום טויער פון פּרדס. די קרוין פון דער זון האָט שוין גענומען אַרויפשטייגען איבער די ווייטע בערג און דער גאַנצער הי־מעל האָט איצט געפלאַמט אין אַ ים פון פּורפּעל. די פינף האָבען געהאַט אַ לאַנגען וועג פאַר זיך. עס האָט זיי געדאַרפט נעמען אַ האַלבע שטונדע צוצוקומען צום סאַניטאַריום אין בני־ברק, און זיי האָבען געשפּרייזט מיט שנעלע טריט. יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט וואָס־גיכער פאַרלאָזען אָט דעם אָרט, וואָס־שנעלער פאַרגעסען די געשעהענישען פון דער נאַכט.

זיי זיינען שוין געהאַט דורכגעגאַנ־גען דעם טויער און געשפּרייזט אי־בער'ן האַרטען אַספאַלט פון שאָסעי, ווען סענדער האָט פּלוצלונג אַ ציה גע־טאָן ירמיהו'ן ביים אַרבעל.

— יערמיע! טו נאָר אַ קוק! — האָט ער אויסגערופען אין דער שטיל מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם.

ירמיהו איז שטעהן־געבליבען און האָט זיך אויסגעדרעהט אין דער ריכ־טונג, וואו סענדער'ן האָט האָט אנ־

געוויזען. דער יונג איז געבליבען שטעהן אַ פאַרגאַפטער ניט־וועניגער פון סענדער'ן.

דאָרטען, וואו סענדער'ס פינגער האָט געטייטעלט, האָט ירמיהו געזעהן דעם טויער פון פּרדס. עס איז געווען אַ ברייטער טויער, ברייט גענוג פאַר צוויי גרויסע טראָקס דורכצופאָהרען. דער טויער איז באַשטאַנען פון צוויי דיקע קלעצער פון ביידע עקען און אי־בער די קלעצער איז געווען אַ האַלב־קיילעכדיגע ברעט מיט אַן אויפ־שריפט: „פּרדס ובית האריזה של..." (אַראַנדזשען־סאַד און פּאַק־הויז...).

אָבער ניט אויף די ווערטער האָט עס ירמיהו געקוקט איצט. אונטער דעם האַלב־קיילעכדיגען איבערשריפט איז געווען אַנגעדרוקט מיט דיקע, בלויע בוכשטאַבען דער נאָמען פון דער פיר־מע, צו וועמען דער פּרדס און די פּאַק־הויז האָבען געהערט. און אָט אויף דער לעצטער שורה האָבען עס ירמיהו און סענדער געקוקט איצט און גע־גאַפט. פאַרשידענע געדאַנקען האָבען מיטאַמאָל אויפגעבליצט אין זייערע מוחות, ווען זיי האָבען געקוקט אויף דעם אויפשריפט, און זייערע ליפּען האָבען זיך שטום באַוועגט, איבער־לייענענדיג דעם אויפשריפט:

„ג. אַלדרען—ע. קאַץ".

זיי האָבען פּלוצלונג באַגריפען פי־לע זאַכען, וואָס זיי האָבען ביז איצט ניט פאַרשטאַנען: פאַרוואָס בירשאַם האָט פּלוצלונג חרטה באַקומען וועגען צוטרעטען אַלס שותף צו די ביזנעס און פאַרוואָס זיין משוגענער, צוהיצ־טער מוח האָט איהם אין דער פינס־טערער, קאַלטער נאַכט געטריבען צו דעם אָרט, וואו ער האָט געזוכט דעם טויט אַלס באַפרייאונג פון אייביגע לײַדען און אַלס פאַרגעבונג פאַר שווע־רע זינד.

אַ גרויסע, גאָלדענע זון איז אַרויפ־געשוואומען אויפ'ן הימעל און האָט אַראָפּגעקוקט אויף דער ערד אַ שמייכ־לענדיגע, צערטלענדיג די נאַטור מיט איהרע וואַרימע שטראַלען. אָבער די צוויי דעטעקטיווס האָבען אין יענעם מאָמענט פאַרגעסען אַז אַלעם אַרום און האָבען ניט געפיהלט די זון, ניט גע־זעהן דעם פּיל־פאַרב'יגען רייכטום אַרום זיי. זיי האָבען פאַרגעסען אפילו וועגען „גבור'ן", וועלכער איז גע־שטאַנען און האָט געקוקט אויף זיי מיט פאַרוואונדערונג, ניט פאַרשטעהענ־דיג וואָס אַזוינס זיינע צוויי־פיסיגע פריינט זעהען דאָרטען, אין דעם פּרדס, פון וועלכען זיי זיינען אַלע נאָר־וואָס אַרויסגעקומען...

(ענדע).

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— העלאָו, לאַרי! — האָט זי ארויסגערעדט איינפאַך, און זיך א קעהר געטאָן צו איהם.

— און איך האָב דיך ארומגעזוכט — איז ער אויך צוגעגאַנגען צו דער פאַרענטש — דו ביזט מיר פאַרפאַלען געוואָרען פון אויג.

—עס איז קיה דאָ — האָט עלינאָר געזאָגט.

— יע, דאָ איז וואונדערליך.

— דו ביזט ניט אין כעס אויף מיר, לאַרי — ניין?

— פאַרוואָס האָט ער זיך געוואונ-דערט.

— פאַר מיין באַמערקונג וועגען א רייכער כלה.

— אָה, יע, — האָט ער זיך דער-מאָנט. — „סאָם נוירוו, צו רייצען זיך מיט מיר.

און זיי האָבען ביידע געלאַכט. עלינאָר האָט דערפיהלט זיין נייגערי-גען בליק אויף איהר.

— דערצעהל מיר מעהר פון דיר — האָט לאַרי זיך אָפּגערופען — וואָס טוסטו מיט זיך? איך וויים אַז דו האָסט שטודירט אין האַנטער קאַ-לעדזש.

— אָה' ס'איז ניטאָ קיין סך צו דערצעהלען פון מיר. איך בין איצט א לעהרערין אין א סקול. דאָס אַלץ.— האָט זי ארויסגערעדט מיט אַן אומעטיגען שמייכעל.

לאַרי האָט מעהר צודרינגליך איצט איהר אַנגעקוקט, ווי ער וואָלט איהר וועלען גוט פאַרשטעהן. ער געדענקט איהר נאָר פון דער האַי-סקול צייט, און איצט איז זי אַזוי אַנדערש. עס האָט איהם פאַראינטריגירט.

— דו זעהסט אויס ניט צופרידען, איינזאַם.

— איינזאַם? וואָס פעלט דיר אַיין? — האָט זי א לאַך געטאָן.

לאַרי האָט זיך אַנגעשפּאַרט אין פאַרענטש לעבען עלינאָר'ן, אריינ-געאָטעמט אין זיך די קיהלע לופט. ער איז געווען אַנטציקט פון דער ארומי-גער שטילקייט און רוהיגקייט.

— עס איז אַזוי גוט דאָ, עס רו-היגט איין די נערוועז. איך וואוין איצט דאַון-טאַון. איך האָב ניט ליב דעם רעש דאָרטען, ווי אויף א שטענ-דיגען יאַריד.

— און איך האָב ניט ליב דעם נע-גענט אונזערען, די בראָנקס.

— פאַרוואָס? — האָט זיך לאַרי געוואונדערט.

— טאַקע ווייל עס איז צו שטיל דאָ — האָט עלינאָר א לאַך געטאָן, נאָר באַלד איז זי ערנסטער געוואָרען און זי האָט זיך אָפּגערופען.

— איך האָב ניט ליב דעם אויס-זעהן פון אונזער געגענט. די אַפּאַרט-מענט הייזער האָבען אַלע איין פּנים, און איין גאַס איז ענליך אויף דער אַנדערער. עס איז ניט אינטערע-סאַנט. דאָס איז די מיטעלמעסיגקייט וואָס איז האָב פיינט.

— דו ווייסט, דו קענסט שעהן אויסדריקען א געדאַנק, זעה איך.

— לאָמיר בעסער רעדען פון דיר, לאַרי — האָט עלינאָר מיט אַמאָל גע-ביטען איהר טאָן. — דו ווייסט, דו קוקסט אויס אַזוי וויכטיג... פּראָספּע-ראָס (ערפאָלגרייך)...

— און דו האָסט נאָר ליב צו רייצען זיך, עלינאָר.

— ניין. ס'איז מיר נאָר אומעטיג, צייטענווייז, ניט אַלע מאָל.

— דו קומסט אַמאָל „דאַון-טאַון"?

— אָ, יע, מעיסים — האָט עלינאָר געלאַכט.

— מעיסים?

— יע, די דעפּאַרטמענט-סטאָר אויף דער פיר און דרייסיגסטער גאַס.

— און וואו נאָך געפינסטו זיך, אַז דו קומסט דאַון-טאַון.

— בראָדוועי. פרעג מיר וועלכע מואוויז מען שפּילט דאָרט איצט. איך ווייס זיי אַלע אויף אויסענווייניג — האָט עלינאָר געענטפערט אין א שטיפערי-שען טאָן.

— סמאַרט גוירל, יע? — האָט לאַרי אויך גערעדט אין זעלביגען טאָן.

זיי האָבען איצט געשמועסט צווישען זיך שטיל און ניט געציואונגען. לאַרי מיט זיין אויסזעהן פון א מענשען מיט ווילען... כאַראַקטער... עלינאָר האָט די גאַנצע צייט געפיהלט זיין צודרינגלי-כען בליק אויף איהר. און עס איז איהר געווען ציטערדיג גוט פון דעם.

פון צייט צו צייט האָט זי אויפגע-הויבען צו איהם איהרע אויגען. אין דער האַלב טונקעלקייט פון דער נאַכט האָט איהר בליק אויסגעדריקט סודות'-דיגקייט, און ווי א שפּיל פון געגענ-זעליכע געפיהלען אין איהר... דאָ אומע-טיג-פאַרבענקט... און דאָ לוסטיג-שטי-פעריש. זי האָט אויסגעזעהן לאַרי'ן אַזוי אַנדערש פון אַלע מיידלעך, וואָס ער האָט ביז איצט געקענט. און עס איז איהם געווען פאַרכאַפּענד אינטע-רעסאַנט צו שטעהן דאָ מיט איהר און פאַרברענגען. און ביידע האָבען פאַר-געסען אַז דער פּאַרטי, וואָס איז אַנגע-גאַנגען דאָרט אינעווייניג אין די צי-מערען.

— זיי וועלען דיך ארומזוכען דאָרט, לאַרי — האָט עלינאָר איהם דערמאַנט.

— יע, מיר פירען זיך ניט אויף גוט — האָט לאַרי געזאָגט מיט א שמייכעל — צייט צו ווייזען זיך פאַר מענשען.

— יע, געה, עס איז טאַקע ניט שעהן פון אונז.

— און דו? דו געהסט דאָך אויך אריין.

— איך וועל נאָך דאָ א ווײַלע זיין — האָט איהם עלינאָר געזאָגט.

— וועל איך דאָ אויך בלייבען מיט דיר.

אַז עלינאָר און לאַרי זיינען אריין צוריק אין די צימערען, האָט די פּאַרטי שוין געהאַלטען ביים ענדיגען זיך. עטליכע פון די פּאָרלעך זיינען שוין געשטאַנען אַנגעטאָן אין די מאַנטלען גרייט צו געהן אַהיים. א סך פון די פריינט האָבען ניט פאַרפעהלט צו באַ-מערקען עלינאָר'ס און לאַרי'ס צוזאַ-מענדיגען אריינקומען פון וועראַנדע. אימיצער האָט געמאַכט א שפּאַסיגע באַמערקונג. אימיצער האָט נאָר גוט-מוטיג צוגעשמייכעלט, און אַנדערע האָבען נאָר זיך איבערגעקוקט פּיל-באַדייטענדיג.

עלינאָר האָט אויפגעזוכט איהר חבר'טע מאַרטהאַ, די כלה, און זיי האָבען זיך לאַנג געזעגענט און גע-קושט. לאַרי האָט געהאַלטען אַנגע-גרייט עלינאָר'ס מאַנטעל.

— דו וואוינסט ווייט פון דאַנען?

— האָט ער ביי עלינאָר'ן געפרעגט.

— ניין, נאָך עטליכע בלאָק.

לאַרי האָט עלינאָר'ן אָפּגעפירט אַהיים. זיי זיינען געגאַנגען דורכ'ן פּאַרק. די נאַכט איז געווען א וואַרע-מע, מיט פאַרוואָלקענטע הימלען. זיי זיינען געגאַנגען שווייגענדיגע און אינטימע ביז זיי האָבען זיך אָפּגע-שטעלט לעבען איהר שטוב.

— אָט דאָ וואוין איך — האָט עלינאָר געזאָגט.

לאַרי האָט אַנגענומען איהר האַנט צו געזעגענען זיך. עס איז פאַר עלי-נאָר'ן געווען נאַטירליך צו ערוואַר-טען, אַז לאַרי זאָל זיך אַנבויגען צו איהר און קושען איהר „גוד-באַי". „באַיעס" האָבען שוין דאָס אַזוי גע-טאָן. נאָר לאַרי האָט איהר ניט גע-קושט „גוד-באַי". ער האָט נאָר אויפ-געהויבען זיין האַנט און פאַרשאַרט א לאַק האָר, וואָס איז איהר געפאַלען אויפ'ן שטערן. און פאַר איין וועגס א גלעט געטאָן איבער דער באַק פון איהר צעהיצטען פּנים.

— גוד-באַי, עלינאָר, — האָט ער ארויסגערעדט מיט וואַריםקייט אין קול.

(ווייטערס — מאָרגען)

## טרויער רעזאָלוציע פון בראַיטאָן אַרבייטער רינג שול

מיר, די פאַרוואַלטער פון דער בראַיטאָן אַרב. רינג שול, דריקען אויס אונזער טיפסטען מיטגעפיהל און טרייסט צו אונזערע פריינט, די פאַרוואַלטער ענגעל און רובינשטיין, אויף דעם פריצייטיגען פאַרלוסט פון זייערע ברי-דער. עהרע זייער אָנדענק!

# ווי „מעקס פון דער סטעידזש" איז געוואָרען אַ בראָדוועיער פּערזענליכקייט

(שלום פון פּעידזש 2)

בראָדוועיער ליטע אינטערעסירען זיך שטאַרק אין די לויף-פערדלעך. זומער-צייט, ווען אין און ארום ניו יאָרק קומען-פאָר פערד-רעיסעס, האָבען זיי ליב צו געהן צו די רעיסעס אַזוי אָפּט ווי זיי קענען נאָר. איז מעקס גאַנץ אָפּט ביזי אָפּצוזוכען „באַלעגאַלעס", וואָס זאָלען פירען זיינע פריינט און באַקאַנטע צו די רעיסעס אָדער צו די באָל-געימס. ווען מעקס דערוויסט זיך, אַז עמיצער פון זיינע פריינט טרייבט א קאַר צו די רעיסעס אָדער צו די באָל-געימס, בעט ער יענעם אַז ער זאָל איהם טאָן א געפעלינקייט און מיט-נעמען „פּאַסאַזשירען" — זיינע פריינט און באַקאַנטע. ווען מעקס אַסנאַס אַליין וויל געהן צום רעיס-טרעק רינגט ער א טעקסי.

לעצטען הערבסט, ווען די „יענקיס" האָבען געשפּילט אין די „וואָירלד סע-ריעס" מיט די ברוקלינער „באַמס", האָט מעקס'ען א באַקאַנטער צייטונגסמאַן איהם גענומען צו א געים. אימיצער האָט דאַן „אויסגעבאַרגט" נאָך פריהער ביי מעקס'ן דעם ביואיק און איז אוועקגעפאָרען צו דער געים אין יענקי סטעידיום איידער דער צייטונגסמאַן האָט איינגעלאַדען מעקס'ן צו געהן מיט איהם. מעקס, וועלכער האָט פיינט צו פאָהרען אין סאַבוועי אָדער אין באַסעס, האָט גערונגען א טעקסי, אָבער איידער ער איז ארויס-געפאָרען אין דער טעקסי צום יענקי סטעידיום איז ער ארומגעלאָפען און געזוכט „קאַסטאַמערס" פאַר א פרייער יאַזדע צום סטעידיום. ווען עמיצער וואָלט אפילו פאָרגעשלאָגען צו געבען מעקס'ן צושטייער צו באַצאָלען דעם טעקסי-דראַיווער, וואָלט זיך מעקס אַס-נאַס באַליידיגט.

פאַר'ן ארויספאָרען האָט מעקס זיך אויך באַזאָרגט מיט „צידה לדרך", מיט פּראָוויאַנט. ער האָט געהייסען מאַכען איהם עטליכע צענדליג סענד-וויטשעס פון די סאַמע בעסטע—טויר-קי, קאָרנדביף און אַנדערע מינים.

— כ'וועל עס געבען די באָיס וואָס אַרבייטען. זאָלען זיי הנאה האָבען! — האָט ער געזאָגט.

ער האָט, הייסט עס, ברעה געהאַט אַנצוקאָרמענען די צייטונגסלייט אין „פּרעס-באָקס", מיט וועלכע ער האָט געדאַרפט זיצען.

די „באָיס", די צייטונגסלייט, זיינען אָבער געווען צו ביזי און זיי האָבען יעדענפאַלס ניט געניטיגט זיך אַז מען זאָל זיי ברענגען סענדוויטשעס. הינטער דער פּרעס-באָקס איז דאָ א קלאָב-רום, וואו זיי קענען קריגען אַלץ וואָס זיי ווילען: האָט נעבאַך מאַקס ניט גע-וואוסט וואָס צו טאָן מיט זיינע סענד-וויטשעס. ווי קען א מענש איינער אַליין אויפעסען 40-50 סענדוויטשעס?

נאָך דער געים, ווען ער איז ארויס פון סטעידיום, איז מעקס צוגעקומען צום ערשטען-בעסטען טעקסי-דראַיווער און האָט איהם אַריינגערוקט דעם זע-קעל סענדוויטשעס אין האַנט אריין.

— נעמט עס, נעמט עס. דאָס זיינען גוטע סענדוויטשעס. האָט ניט קיין מורא — האָט זיך מעקס געבעטען ביים דראַיווער ער זאָל צונעמען די סענדוויטשעס.

צוריקגעפאָרען איז ער מיט'ן פריינט וואָס האָט ביי איהם אויסגעבאָרגט דעם ביואיק.

אַזוי ווי מעקס איז אַנטלאָפען פון רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע, האַלט מען איהם אין „רעדיאָ ראַו", ד. ה. אין די ראַדיאָ-קרייזען, פאַר אַן עקס-פּערט איבער רוסלאַנד און איבער אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט רוסישע אַנגע-לעגענהייטען. מיט א צייט צוריק האָט א ראַדיאָ-סטעישאָן געוואָלט שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט'ן אַמאָליגען פּרעמיער, אַלעקסאַנדער קערענסקי, וועלכער וואוינט אין ניו יאָרק. איז צו וועמען האָט מען זיך געווענדעט נאָך אויסקינפטע ווי אַזוי אָפּצוזוכען קע-רענסקי'ן? צו מעקס אַסנאַס'ן.

מעקס קען טאַקע ניט קערענסקי'ן, און קערענסקי איז קיינמאָל ניט גע-ווען אין דער „סטעידזש". מאַקס אַס-נאַס האָט אָבער אויסגעפינען קערענ-סקי'ס טעלעפאָן-נומער, א דאַנק זיינע פאַרבינדונגען, און ער האָט געזאָגט דער ראַדיאָ-סטעישאָן וואו זיי קענען געפינען קערענסקי'ן.

מעקס ווייסט אויך ווי און וואו צו קריגען טיקעטס צו „היט שאָוס", וואָס זיינען זעלטענער ווי גאָלדענע רענד-לעך. ער קריגט פאַר זיינע פריינט טי-קעטס צו „סאַוט פּאַסיפיק"! אויב איהר ווייסט ניט וואָס פאַר אַז אויפטו דאָס איז, זייט איהר, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, א גרינער!

ס'איז געווען שווער, כמעט אומ-מעגליך, צו קויפען טיקעטס צו דער „וואָירלד סעריעס", וואָס זיינען גע-שפּילט געוואָרען לעצטען אָקטאָבער צווישען די יענקיס און די ברוקלין דאַ-דזשערס, באַזונדערס פאַר די געימס אין עבעטס פּילד. מעקס אַסנאַס האָט אָבער יאָ באַוויזען צו קריגען פאַר זיינע פריינד וואָירלד סעריעס טיקעטס פאַר עבעטס פּילד. ווי אַזוי? דאָס איז זיין סוד, וועלכען ער וויל קיינעם ניט אויסזאָגען.

מעקס אַסנאַס'עס פּאַרטנער, עדי דאַבראַשין, איז א ווילנער לאַנדסמאַן. ער איז געקומען קיין אַמעריקע בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה. אין 1916, ווען ער איז נאָך געווען א יונ-גער אינגעל. זיין טאַטע, שמואל, איז געווען א פּאַלאַצקער, אָבער ער האָט זיך אריבערגעקליבען קיין ווילנע נאָך פאַר עדי'ס געבורט. האַלט זיך עדי פאַר א ווילנער. שמואל דאַבראַשין איז אַמאָל געווען אַז אַפּטייקער און איז דערנאָך געוואָרען א „פּאַדריאַדטשיק" (קאָנטראַקטאָר). די דאַבראַשינס זיינען אַנטלאָפען פון ווילנע קיין האָלאַנד נאָכדעם ווי די דייטשען זיינען אריין אין ווילנע, און זיי זיינען אַנגעקומען אַהער פון ראָטערדאַם.

עדי האָט זיך געלערענט אין דער פּאַבליק סקול 171. ווען ער האָט גראַ-דואירט פון סקול האָט ער געקראָגען א דזשאַב צו אַרבייטען אין א דעלי-קאַטעסען סטאָר.

א פּאָר יאָהר האָט ער געאַרבייט אַלס קלוירק, דערנאָך האָט ער געעפענט א סטאָר אויף דעלענסי סטריט. ער האָט אויך געהאַט א צאָל דעליקאַטע-סען-סטאָרס אין פאַרשידענע טיילען פון שטאָט. אין 1943, ווען מעקס אַס-נאַס, וועלכער האָט ערוואַרטעט, אַז מען וועט איהם דרעפטען אין דער אַר-מיי, האָט ער אריינגענומען עדי דאַב-רושינ'ען אַלס פּאַרטנער מיט איהם און מיט זיין שוועסטער און ברודער. עדי און מעקס זיינען אין די ביזנעס צוזאַמען זינט דאַן און זיינען אויך די בעסטע פריינט אויסער זייערע גע-שעפטליכע פאַרבינדונגען.

מעקס'עס שוועסטער, לילי מאַרסאָז, איז א זעהר שעהנע פרוי, מיט אַן אַנגענעמער פּערזענליכקייט. זי איז די קאַסירשע אין „סטעידזש". זי איז א קליין-געוואַקסיגע און האָט א פיינע פיגור. זי האָט א פּאָר בלויע אויגען. זי איז שענער און חנ'עוודיגער פון פילע מואווי-סטאַרס און אַקטריסעס וואָס קומען אריין אין „סטעידזש".

לילי ווערט בכלל וועניג-וואָס נתפעל פון די באַרימטהייטען וואָס קומען אריין אין „סטעידזש". זי זעהט זיי טעגליך און זי זעהט ניט איין וואָס ס'איז דאָ צו באַוואונדערען זיי און פאַרוואָס מען זאָל זיך בוקען פאַר זיי.

— זיי זיינען ניט מיינע מענשען. איך האָב וועניג-וואָס געמיינזאַמעס מיט זיי. איך האַלט מעהר פון מיין לאַנדסמאַן אברהם רייזען און פון אַנ-דערע אידישע שרייבער ווי פון די אַלע בראָדוועיער גרויסע מענשען מיט וועלכע מעקס חבר'ט זיך. ער פיהלט זיך מיט זיי ווי א פיש אין וואַסער. איך פיהל זיך א סך בעסער מיט מיינע אַלטע פריינד, מיט די קאַידאַנאָווער לאַנדסלייט, ווי מיט אָט די לייטע — האָט זיך לילי אויסגעדריקט פאַר מיר — זעהר אָפט פאַרבענקט זיך מיר נאָך קאַידאַנאָוו, נאָכ'ן אַמאָליגען שטילען, רוהיגען לעבען, וואָס מיר האָבען גע-פירט אין אונזער שטעטעל. ס'איז גע-ווען א לעבען וואָס האָט ענטהאַלטען א סך פּאָעטישקייט, טראָץ זיין אויסער-ליכער אָרימקייט און גרויקייט.

און זי, וועלכע וואָלט געקאָנט חבר'ן זיך מיט באַרימטהייטען און געהן אָפּט צו שאָוס און קאַבאַרעטען, האַלט וועניג-וואָס פון בראָדוועי מיט איהר גאַנצען טומעל. און ווען זי האָט נאָר פרייע צייט געהט זי אַוועק פון דער טומעלדיגער בראָדוועי.

לילי זעהט אויס א סך אינגער ווי איהרע יאָהרען. זי זעהט אויס יונג גענוג, אַז איך האָב אַנפאַנגס אַנגע-נומען זי און איהר עלטערען זוהן אַלס ברודער און שוועסטער, ניט אַלס מוטער און זוהן. סימאָר אַרבייט אויך אין דער „סטעידזש" אַלס קאָונטערמען און געהילפס-קעשיר.

לילי האָט אויך א דערוואַקסענע טאָכטער, פלאָרענס, וועלכע איז 22 יאָהר אַלט. ווען זיי געהען-אויס צוזאַ-מען זעהען זיי אויס ווי שוועסטער. פלאָרענס האָט גראַדואירט פון האַנטער קאָלעדזש און אַרבייט איצט אַלס סעק-רעטערי.

מעקס'עס אינגערער ברודער, היימי, וועלכער איז אויך א פּאַרטנער אין דער „סטעידזש", האָט טיילוויז צו-ריקגעצאָלט אַמעריקע פאַר איהר גאַסטפריינדליכקייט, וואָס זי האָט איהם ארויסגעוויזען. בעת'ן קריג האָט היימי וואָלונטירט אין די „סיבים" און האָט געדינט אין סאַוט פּאַסיפיק אין פאַרלויף פון גאַנצען קריג.

(אין נעקסטען אַרטיקעל וועט דער-צעהלט ווערען וועגען איינעם פון די עלטסטע און באַרימטסטע רעסטאָראַ-טאָרס אין ניו יאָרק, דזשעק אַמראָן, דער אייגענטימער פון דזשעק דעמפּסי רעסטאָראַן אויף בראָדוועי. עס וועט דערצעהלט ווערען ווי אַזוי אַמראָן, וועלכער איז געקומען אַהער אַלס אינ-געל פון האַמעל, האָט זיך איינגעשאַפּט א סך גרויסע האָטעלען און רעסטאָ-ראַנען איידער ער האָט געעפענט דעם דעמפּסי רעסטאָראַן.

# ווער איז גערעכט, פּרעזידענט טרומאַן צי די וואַשינגטאָנער צייטונגסלייט?

(שלום פון פּעידזש 2)

שען הינטערגרונד פון ווהאַיט האַוז פּרעס קאָנפערענץ. איצט א פּאָר ווער-טער וועגען פּועל יוצא פון דעם.

***

די פּרעס - קאָנפערענצען, ניט נאָר אין ווהאַיט האַוז נאָר אין אַלע רעגי-רונג'ס דעפּאַרטמענטס, אַגענטורען און קאָמיסיעס אין וואַשינגטאָן, האָבען געמאַכט גרויסע ענדערונגען אין די באַנעמונגען פון די צייטונגסלייט. עס האָט כמעט ווי אינגאַנצען אָפּגעשאַפט די קאָנקורענץ און אויף דעם פּלאַץ איינגעשטעלט קאָאָפּעראַציע. אַנשטאָט דעם יאָגען זיך אויסצוגראַבען נייעסען און זיי האַלטען אין געהיים פון אַלע אַנדערע, גיט איינער דעם אַנדערען איבער אַלעס וואָס ער ווייסט. אום פון יענעם זיך צו דערוויסען וואָס יענער האָט געהערט און געזעהן. דאָס איז א דירעקטער רעזולטאַט פון דעם וואָס אַלע צייטונגסלייט קענען געהן צו אַלע קאָנפערענצען און הערען אַלע נייעסען. אום איינצושפּאָרען אַרבייט, געהט איין טייל צום סטעיט דעפּאַרט-מענט, אַז אַנדער טייל צום קריגס-דע-פּאַרטמענט, און אַזוי ווייטער. דער-נאָך קומען זיך אַלע צונויף און מען דערצעהלט זיך וואָס דאָ און דאָרט איז פאָרגעקומען.

פאַר אימיצען צו קריגען א „סקופּ" איבער אַלע אַנדערע צייטונגסלייט איז איצט א זעלטענהייט. די בעסערע צײַ-טונגסלייט קאָנקורירען מיט ערגערע בלויז אינ'ם אויפשרייבען די געשיכ-טע, געבען א טיפערע אויסטייטשונג, מעהר הינטערגרונד, ניט מיט'ן אויס-גראַבען געהיימניסען וואָס אַנדערע ווייסען ניט פון דעם, ווייל אַלע האָ-בען גלייכען צוטריט צו די קוואַלען פון די נייעסען.

דער פרייער צוטריט צו די נייעס האָט אויך מיטגעבראַכט א פּריווי-ליגען צענזורירען זיך אַליין מצד די צייטונגסלייט. זיי זיינען געוואָרען ניט נאָר בעסערע שרייבער, נאָר אויך מעהר פאַראַנטוואָרטליכע מענשען. אין די לעצטע יאָהרען זיינען גרויסע און וויכ-טיגע סודות געהאַלטען געוואָרען גע-היים, כאָטש כמעט אַלע וואַשינגטאָ-נער צייטונגסלייט האָבען זיי גע-וואוסט. עס איז כמעט געוואָרען א כלל אין וואַשינגטאָן, אַז מען וויל האַלטען א סוד, זאָל מען עס דער-צעהלען די צייטונגסלייט בתנאי, אַז זיי וועלען דאָס ניט פאַרעפענטליכען. עס האָט זעהר זעלטען געטראָפען, אַז מען זאָל פאַרעפענטליכען א זאַך וואָס איז דערצעהלט געוואָרען „אָף די רע-קאָרד", אָדער ווי רוזוועלט פלעגט זאָ-גען: „דהים איז דזשאַסט ביטווין אַס גוירלס". די „ווהאַיט האַוז פּרעס אַסאָ-סיאיישאָן" האָט אַליין אַנגענומען מיט-לען צו באַשטראָפען די מיטגלידער וואָס וועלען אַמאָל פאַרברעכען געגען צוטרוי וואָס מען שענקט זיי.

איבער אָט די אַלע זאַכען האַלטען די צייטונגסלייט, אַז אפילו א פּרע-זידענט האָט ניט קיין באַרעכטיגונג ארויסצואווייזען „פּעיוואָריטיזם" צו איין צייטונגסמאַן, וואָס ער באַוויליגט ניט צו אַנדערע. ווען ער טוט עס שטעלט ער אין געפאַר די גוטע באַ-ציהונגען וואָס האָבען עקזיסטירט אַזוי לאַנג און געבראַכט גוטע רעזולטאַטען.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע •••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאָר האָט אינגאַנצען אויפגעצי־טערט פון זיין באַרירונג, אַז זי האָט אויך די אויגען צוגעמאַכט. אַ שטילע אויפרעגונג האָט גענומען וואַקסען אין איהר. איהר גאַנצער וועזען האָט זיך צו איהם געצויגען, און זי האָט מיט אַלע כוחות זיך געדאַרפט באַ־הערשען און ניט אַרויסווייזען וואָס זי פיהלט. קיינמאָל האָט זי נאָך ניט דורכגעלעבט אַזוינס דורך דער באַרי־רונג פון אַ מאַן.

לאַרי איז נאָך ניט אַוועק. עס איז געוועזען צו זעהן, אַז ער האָט נאָך איהר עפּעס צו זאָגען:

— איך וואָלט וועלען דיך מעהר זעהן, עלינאָר. לאָמיר אָפּרעדען ווען און ווי אַזוי.

עלינאָר האָט געהאַלטען אַראָפּגע־לאָזען דעם קאָפּ און געשוויגען שטיל.

— דו וואָלסט וועלען מיר זאָלען זיך מעהרער זעהן, עלינאָר? — האָט לאַרי זיך אַנגעבויגען צו איהר.

— יעס, לאַרי, איך וואָלט וועלען מיר זאָלען זיך מעהרער זעהן — האָט זי איהם נאָכגערעדט ווי אין חלום. לאַרי האָט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכעלע און פאַרשריבען איהר אַדרעס און דעם נומער פון טעלעפאָן. און זיי האָבען זיך צוזעגענט. און לאַרי האָט צו איהר געזאָגט:

— איך וועל דיך אָפּרופען ווען נאָר איך וועל האָבען אַ פרייען אָוונט.

נאָכדעם איז עלינאָר אַרויפגעלאָ־פען אַהן אַן אָטעם די. סך טרעפּ צו איהר הויז. זי האָט אויפגעשלאָסען די טיר און שטיל דורכגעשלייכט פאַר־ביי איהר מאַמע'ס צימער, ניט צו אויפוועקען איהר. זי איז אַריין צו זיך אין צימער און דאָרט איז זי לאַנג געזעסען אויף איהר בעט, נאָך אַנגע־טאָן אין איהר מאַנטעל. אַ צוגעשטיל־טע האָט זי זיך איינגעהערט צו איהר קלאַפּענדיג האַרץ. עס האָט איהר נאָך געקלונגען לאַרי'ס טיף־ברוסטיגע, מע־נערישע שטימע. זי האָט געזעהן די שוואַרצע ברעמען זיך צונויפציהען איבער אַ קלוגען, דורכדרינגענדען בליק, און איהר האָט זיך געדוכט, אַז זי פיהלט איהר בלוט רוישען שטאַר־קער אין די אָדערען.

אַ נייער טאָג הויבט זיך פאַר איהר אָן. אַלץ וואָס עס איז מיט איהר ביז איצט געוועזען האָט זיך געענדיגט, און עס הויבט זיך אָן אַ נייער לעבען. אַלץ פון אָנהויב.

— סילי! (ביזט צודרעהט) — האָט זי אויף זיך אַליין געלאַכט.

זי האָט זיך געגעבען אַ הויב־אויף פון אָרט, גענומען אַראָפּוואַרפען פון זיך די זאַכען. זי האָט אויפגעהויבען דעם צודעק פון איהר בעט און אַריינ־געגליטשט זיך אונטער דער קאָלדרע און זי איז געבליבען ליגען אין בעט מיט די הענט פאַרלעגט אונטער'ן קאָפּ, מיט אָפענע אויגען, אַ פאַרקלער־טע און אַ פאַר'חלומ'טע...

**ניינטער קאַפּיטעל**

קראָטאָנאַ פּאַרק איז אַ מילדע, האַרבסטיגען פאַרנאַכט.

די בוימער האָבען געביטען זייערע קאָלירען פון טיף־גרין אויף רויטלעך ברוין און געל־קאָליר. אויף דער ערד אומעטום וואַלגערען זיך די אַראָפּגע־פאַלענע בלעטער און די פאַרבייגעהער טרעטען עס מיט די פיס. דער הימעל איז טיף־בלוי, וואו ניט וואו מיט אַ ווייסען וואָלקענדעל פאַרצויגען. און אין לופט טראָגען זיך שאַרפע ווינט־לעך, אָנגעווייהעטע ערגעץ פון דער ווייט.

וויפיל מאָל איז דאָס עלינאָר פאַר־ביי געלאָפען דעם פּאַרק אין דער־אַ צייט אַן איילענדיגע פון סקול צו זיך אהיים. איהר צוגעוואוינטע אויג איז געווען גלייכגילטיג צו דער שעהנקייט פון אַרום. זי איז מעהרער מאָל געוועזען אַריינגעטאָן אין זיך אַליין. און איהר האַסטיגער גאַנג האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט אַלע מאָל זיך ערגעץ גע־איילט.

אין די אָוונטען האָט דאָ עלינאָר געזעהן זיצען פאַרליבטע פּאָרלעך, וואו ניט וואו אויף די בענק אין די שאָטענדיגע ווינקלען. זי האָט אויף די פאַרליבטע געקוקט פון אויבען אַראָפּ. אפילו מיט אַביסעל הוזק:

— ווי ביליג דאָס איז, ווי וואולגאַר צו ליבען זיך אַזוי דאָ פאַר אַלעמען אין די אויגען, צו האַלטען זיך אַרומ־גענומען און קושען.

זי אַליין, עלינאָר, איז שוין אויך אַ סך מאָל געוועזען צווישען דעם סאָרט פּאָרלעך און איר האָט זיך געדאַכט זי ווייסט דעם ווערט פון אַזאַ סאָרט לי־בען זיך. היינט איז מען זיך נאָהענט און מאָרגען קען אַלץ וואַכעדיג ווערען און מען קען אפילו אָנהויבען צו האַ־סען איינע די אַנדערע...

אַזוי האָט עלינאָר געפילט ביז איצט. דאָס איז געוועזען איידער זי האָט דעם באַי לאַרי'ן באַגעגענט. איידער זי איז געוועזען מיט אַן אמת פאַרליבט. איצט, אַז זי איז פון סקול דורכגעגאַנגען דעם פּאַרק צו זיך אהיים, האָט זי פאַרלאַנג־זאַמט איהרע טריט. זי האָט זיך אָפּ־געשטעלט און געקוקט צו דעם אַרום. און איהר האָט זיך געדאַכט, אַז קיין איין צייט פון יאָהר איז איהר ניט אַזוי ליב ווי דער סוף זומער, די האַרבס־טיגע טעג, וואָס אין זייער איבערגאַנג זיינען זיי אַזוי רירענדיג שעהן...

איצט איז עלינאָר געווען פאַרליבט, זינט יענעם וואונדערליכען אָוונט, אויף דער פּאַרטי, ביי איהר חבר'טע מאַרטהאַ'ן אין הויז. דאָס איז געווען אַ ליבע ניט פון דעם געוועהנליכען סאָרט. ביידע, עלינאָר און לאַרי, האָ־בען געפילט ווי זיי וואָלטען באַשאַפען געוואָרען איינע פאַר די אַנדערע. דאָס איז געווען, קען מען זאָגען, אַ „ליבע פון ערשטען בליק". כאָטש זיי האָ־בען איינע די אַנדערע זיך שוין גע־קענט אין זייער פריהערע יוגענט, נאָר זייערע וועגען זיינען אַוועק באַזונדער. און איצט זיינען זיי זיך צונויפגעקו־מען ווי אַ באַשערטע פּאָר.

לאַרי איז ניט געווען קיין „פלוירט", און ער האָט זיך ניט געוואָרפען מיט קיין ווערטער. ער איז געווען אַ פער־זענליכקייט און זיין ליבע איז געווען אמת'דיג און אויפריכטיג. און עלינאָר האָט איצט געטראָגען אין האַרצען אַ גרויסע פרייד פון דעם וואָס מיט איהר איז געשעהן. זי איז געווען אויפ־גערעגט פון פאַרגעניגען. מיט אַ נייעם שיין אין איהרע אויסדרוקספולע, טונ־קעלע אויגען.

דאָ אין פּאַרק האָבען זיי זיך איצט באַגעגענט. ווען נאָר לאַרי האָט גע־האַט אַן אָוונט צייט האָט ער איהר אָפּגערופען אין טעלעפאָן און באַ־שטעלט מיט איהר אַ „דעיט". און עלי־נאָר איז אין יענעם טאָג געקומען פון סקול פאַר פרי אהיים. זי האָט אויף גיך אָפּגעגעסען. זי האָט זיך לאַנג גע־גרייט און פריש זיך איבערגעטאָן. זי האָט גאָרניט געזאָגט איהר מאַמען, און זי האָט זיך אַרויסגעיאָגט פון שטוב.

לאַרי האָט געדאַרפט קומען מיט דער סאָבוועי און גלייך פון דער באַן־סטאַנציע זיך לאָזען צו דעם אָפּגע־רעדטען אָרט אין פּאַרק. און עלינאָר האָט שוין פיבערדיג אויף איהם גע־וואַרט. און יעדער מאָל געוואָרען אומ־רוהיג:

„ער איז נאָך ניטאָ. ער האָט היינט פאַרשפּעטיגט, לאַרי".

עס איז געוועזען טונקעל אין פּאַרק מיט דעם שוואַכען, עלעקטרישען שיין צווישען די בוימער. זי האָט איהם גע־זוכט אין דער טונקעלקייט. יעדען פאַרבייגעהער איז זי געלאָפען אַנט־קעגען. ענדליך האָט זי איהם דערזעהן פון דערווייטען איבער דער ברייטער, זאַמדיגער סטעזשקע. זי האָט דערקענט זיין ענערגישען, האַסטיגען גאַנג. עס איז געוועזען קענטיג אַז ער איילט זיך אויך צו איהר:

— לאַרי! — רעדט זי אַרויס אַהן אָטעם.

— העלאָו, עלינאָר.

זיי לאָזען זיך איבער'ן סטעזשקע האַנט אין האַנט.

— איך האָב געמיינט דו וועסט שוין היינט ניט קומען — האָט עלי־נאָר אויפגעהויבען צו איהם די אויגען. לאַרי האָט אויף גיך אַ קוק גע־טאָן אויף זיין האַנט־זייגערל:

— עס איז פונקט האַלב נאָך אַכט, איצט, אַזוי ווי מיר האָבען אָפּגערעדט.

ער האָט ניט ווילענדיג אַ שמייכעל געטאָן. ווי נייגעריג זי איז דאָס איהם צו זעהן אַז די צייט האָט זיך פאַר איהר לאַנג געצויגען:

— סוויט, מיין ליב מיידעל, — האָט ער אָנגעבויגען זיין קאָפּ צו איהרען, און פעסטער איהר אַ דריק געטאָן פאַר דער האַנט.

(ווייטערעס — מאָרגען)

# וועגן אינקאַם טעקס

(שלום פון פעידוש 2)

בעסער, ווייל איהר וועט ביי באַזונ־דערע ריטוירנס קענען אַראָפּרעכענען פיל מעהר פאַר מעדיקעל עקספּענסעס.

דער חשבון אייערער ביי אַ דזשאָינט ריטוירן איז ווי פאָלגט: די ווידזשעס צוזאַמען זיינען 5,150 דאָלאַר. פון דעם רעכענט מען אַראָפּ אייערע 100 דאָלאַר אינטערעסט, ווערט 5,050 דאָ־לאַר. איצט קומט מען צו מעדיקעל עקספּענסעס, ביי וועלכע מען קען אַראָפּנעמען בלויז די הוצאות וואָס זיינען איבער 5 פּראָצענט פון נעט־איינקונפט. פינף פּראָצענט פון נעט־איינקונפט, פון 5,050 דאָלאַר, איז 252.50 דאָלאַר. הייסט עס, אַז די דאָזיגע 252.50 דאָ־לאַר מוזט איהר אַראָפּרעכענען פון אייערע 600 דאָלאַר מעדיקעל עק־ספּענסעס, בלייבט 347.50 דאָלאַר, וואָס איהר קענט רעכענען אַלס דע־דאַקשאַן פאַר מעדיצינישע אויסגאַ־בען.

נעמט איהר אַראָפּ 347.50 דאָלאַר פון 5,050 דאָלאַר, בלייבט 4,702.50 דאָלאַר. פון דעם רעכענט איהר אַראָפּ די 800 דאָלאַר אויסגאַבען, וואָס דער מאַן האָט (דאָס פאַרשרייבט מען אונ־טער „מיסעלעניאַס") ווערט 3,902.50 דאָלאַר. איצט רעכענט מען אַראָפּ די 1,800 דאָלאַר פאַר די דריי עקזעמ־שאַנס, בלייבט 2,102.50 דאָלאַר. פון די 2,102.50 דאָלאַר רעכענט מען דעם טעקס. דער טעקס איז — ביי אַ דזשאָינט ריטוירן—349.02 דאָלאַר.

דער חשבון ביי באַזונדערע רי־טוירנס איז גאַנץ אַנדערש. איהר, וואָס פאַרדינט 1,250 דאָלאַר, דאַרפט ביי אייער באַזונדערען ריטוירן צו־ערשט אַראָפּרעכענען די 100 דאָלאַר אינטערעסט, בלייבט 1,150 דאָלאַר, דאַן קומט די מעדיקעל עקספּענסעס. 5 פּראָצענט פון 1,150 דאָלאַר איז 57.50 $ אַזוי ווי אייערע מעדיצינישע אויסגאַבען באַטרעפען 600 דאָלאַר, רעכענט איהר אַראָפּ $57.50, און עס בלייבט 542.50 דאָלאַר. דאָס — די 542.50 דאָלאַר — איז די סומע, וואָס איהר קענט אַראָפּרעכענען אַלס דע־דאַקשאַן פאַר מעדיקעל עקספּענסעס. ווי איהר זעהט, איז עס אַ פיל גרע־סערע דעדאַקשאַן ווי די 347.50 דאָ־לאַר, וואָס איהר זייט ערלויבט געווען אַראָפּצורעכענען פאַר מעדיצינישע עק־ספּענסעס ביים דזשאָינט ריטוירן.

רעכענט איהר אַראָפּ די 542.50 דאָלאַר, בלייבט 607.50 דאָלאַר, און פון דעם גיעהט אַראָפּ אייערע 600 דאָלאַר עקזעמשאַן, בלייבט $7.50. דער טעקס אויף $7.50 איז $1.25.

אייער מאַנ'ס חשבון ביי אַ באַזונ־דער ריטוירן איז: פון זיינע ווידזשעס, $3900, רעכענט ער אַראָפּ די $800 עקספּענסעס ביי „מיסעלעניאַס", ווערט $3100. פון די $3100 נעמט ער אַראָפּ $1200 פאַר די צוויי עקזעמ־שאַנס (פאַר זיך און פאַר'ן קינד), ווערט $1900. דער טעקס אויף $1900 איז $315.40.

אייער מאַנ'ס טעקס איז $315.40, אייער טעקס איז $1.25. צוזאַמען איז דאָס — ביי די באַזונדערע ריטוירנס —$316.65. דאָס איז מיט עטליכע און דרייסיג דאָלאַר ווייניגער ווי ביי אַ דזשאָינט ריטוירן. די באַזונדערע רי־טוירנס — אין אייער פאַל שפּאָרען איין $32.37.

ווי געזאָגט אָבער, שפּאָרט מען זיך איין געלד אין די מעהרסטע פאַלען דורך אַ דזשאָינט ריטוירן. אויב איהר זייט ניט זיכער ביי זיך, וועלכען מין ריטוירן עס איז בעסער, דאַרפט איהר מאַכען אַ פּראָבע מיט ביידע מינים און אַריינשיקען דעם ריטוירן, וואָס לוינט זיך אייך בעסער.

פ ר אַ ג ע : איך האָב געהאַט קליי־דער און פוירניטשור אין דער ווערטה פון עטליכע הונדערט דאָלאַר, וואָס איך האָב אַוועקגעגעבען צו אַ טשאַ־ריטי באַזאַר. קען איך דאָס אַראָפּרע־כענען?

ע נ ט פ ע ר : יאָ, ביי „קאָנטרי־ביושאַנס".

פ ר אַ ג ע : קען איך אַראָפּרעכע־נען אַ געלד־מתנה, וואָס איך האָב גע־געבען אַ פריינד איהם צו העלפען אין ביזנעס?

ע נ ט פ ע ר : ניין, דאָס ווערט פאַררעכענט פאַר אַ פּערזענליכע אויס־גאַבע.

פ ר אַ ג ע : קען איך אַראָפּרעכענען דעם פעדעראַלען לוקסוס־טעקס?

ע נ ט פ ע ר : ניין. צווישען די טעקסעס וואָס מען קען יאָ אַראָפּרע־כענען זיינען ריעל עסטעיט טעקס, סעילס־טעקס, סטעיט אינקאַם טעקס, פּאָל טעקס.

פ ר אַ ג ע : קען איך אַראָפּרעכענען אַ פאַרלוסט דורך אַ גנבה?

ע נ ט פ ע ר : יאָ.

פ ר אַ ג ע : מוז מען אַריינשיקען דעם פולען טעקס וואָס מען קומט מיט'ן פאָרם 1040?

ע נ ט פ ע ר : יאָ, מען קען ניט צאָלען דורך אינסטאָלמענטס.

פ ר אַ ג ע : דאַרף מען האָבען אַ נאָטאַרי פּאַבליק זיך אונטערצושרייבען אויפ'ן ריטוירן?

ע נ ט פ ע ר : ניין.

פ ר אַ ג ע : קען מען ערוואַרטען אַ ריפאַנד אויב די רעגירונג קומט מיר געלד אויפ'ן טעקס — אין פאַרלויף פון אַ מאָנאַט נאָכ'ן אַריינשיקען אַ רי־טוירן?

ע נ ט פ ע ר : געוועהנליך ניט. עס געדויערט אין מעהרסטע פאַלען פון 6 וואָכען ביז 3 חדשים. אין יעדענפאַל איז גלייכער וואָס גיכער איינצושיקען דעם ריטוירן. דער 15טער מערץ איז דער סאַמע לעצטער טאָג.

# אַן ערקלערונג פון בונד און אַן ענטפער פון דער רעדאַקציע

(שלום פון פעידוש 6)

געבען אַנצוהערעניש, אַז די אימיגראַנ־טען ווערען געהאַלטען אַזוי ווי אַרעס־טאַנטען „הינטער שטעכעדיגע דראָ־טען". עס ווערט דאָרט אויך געזאָגט, אַז די עפענטליכע מיינונג אין ישראל איז „הילפלאָז צו ענדערען די שרעק־ליכע אומשטענדען פון וועלכע צענדלי־גע טויזענטער איינוואוינער אין די קעמפּס ליידען." דאָס מיינט, אַז מ'וואָלט געקענט פאַרבעסערען די לאַגע אין די קעמפּס, ווען מ'וואָלט נאָר גע־וואָלט, נאָר די רעגירונג וויל ניט.

אט די באַהויפּטונגען פון בונדישען ביולעטין, און נאָך אַ סך פון דעם זעל־בען סאָרט, האָט דער „פאָרווערטס" באַצייכענט אין זיין לאַיט־אַרטיקעל אַלס אַ העצע. אַזוינע באַשולדיגונגען געגען דער רעגירונג האָבען קיינע פאַר־אַנטוואָרטליכע קאָרעספּאָנדענטען אין דער אידישער און אַמעריקאַנער פּרעסע ניט געמאַכט. דער „בונדישער ביולע־טין" זאָגט, אַז ער האָט די „פאַקטען" גענומען פון אַן ערקלערונג וואָס אַ גע־וויסע פרוי האָט געמאַכט. האַלט דער „בונד" אַז אַן ערקלערונג פון „אַ גע־וויסער פרוי" איז אַ גענוגענדער גרונד אַרויסצוטרעטען מיט אַזוינע שווידער־ליכע באַשולדיגונגען געגען דער ישראל־רעגירונג?

געוויס האָט דער „בונד" אַ רעכט אויף זיינע מיינונגען, אָבער עס איז וויכטיג אַז דער אידישער עולם זאָל וויסען, אַז אין דער פראַגע פון ישראל פאַרטרעט דער „בונד" נאָר אַ קליינע גרופּע, און אַז די ריזיגע מאַיאָרי־טעט פון דער אידישער, סאָציאַליסטי־שער און אַרבייטער באַוועגונג זיינען אין פולער סימפּאַטיע מיט דער ישראל־רעגירונג, און אַז אַנשטאָט העצען גע־גען איהר, ווילען זיי העלפען ישראל בייקומען דעם שווערען עקאָנאָמישען און פּאָליטישען קריזיס אין וועלכע זי געפינט זיך איצט.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

זיי האבען זיך געזעצט אויף א באנק אין א שאטענדיגען ווינקעל. צוויי יונגע פארליבטע. זיי האבען זיך געהאלטען ארומגענומען און געקושט. לארי האט זיך אפגערופען:

— איך האב היינט פארבויגען א לעקציע אין סקול, פון א באוואוסטען פראפעסאר.

— אה, — האט עלינאר אויפגעהויבען דעם קאפ, — צוליב מיר האסטו דאס געטאן?

—עס מאכט ניט אויס. איך וועל עס קענען אניאגען, — האט לארי א לאך געטאן מיט זיין זיכערען טאן.

זיי האבען איצט גערעדט אלץ פון ניט קיין וויכטיגע זאכען. וויכטיג איז נאר געווען דאס, וואס זיי זיינען איצט צוזאמען און וואס זיי האבען זיך ליב. לארי'ס הייסע הענט האבען געהאלטען עלינאר'ן ארומגענומען און איהר געצערטעלט. און עלינאר האט אויפגעציטערט פון זיין באריהרונג, פון טיפער פרייד און אויפגעוועקטער לוסט. זי איז געווען אזוי אויסגעבענקט נאך ליבע און צערטליכקייט, אז עס האט זיך איהר געגלוסט צו פארלירען זיך אין איהם אינגאנצען, זיך אויפלייזען, אז עס זאל ווערען אוים עלינאר.

שפעטער האבען זיי ווידער שפאצירט האנט־אין־האנט איבער די טונקעלע אלייען פון פארק. פון דערווייטען האט זיך געזעהן א וואסער, ווייט און ברייט ווי א טייך. זומער האט דא גערוישט מיט יונגווארג ארום. מען האט געדונגען שיפלעך און זיך געשיפט ביז ווייט אין דער נאכט אריין מיט געלעכטער און געזאנג. איצט איז דא געווען שטיל. זיי זיינען צוגעגאנגען נעהענטער. א בלייכער שיין פון דער לבנה האט גלאנציג שעמערירט איבער דער אויבערפלאך פונ'ם וואסער און אלץ האט דא פאר זיי אויסגעזעהן לעגענדאריש־שעהן. זיי האבען זיך צוגעזעצט הערביי אויף א באנק. לארי האט מיט זיין האנט ארומגענומען עלינאר'ס טאליע און זי האט אנגעשפארט איהר קאפ אויף זיין אקסעל. ביידע צוגעשטילטע, שווייגענדיגע.

ביי דעם אנדערען, אנטקעגענדיגען ברעג פון וואסער האט א מאן זיך געפארערט ארום א שיפעל, געפרואווט עס אפבינדען פון ארט. עלינאר'ן איז געקומען אויפ'ן זינען, ווי זי פלעגט אמאל ליב האבען דא צו זיצען און חלומ'ען ביים וואסער. עס איז ניט געווען קיין טייכעל, נאר א ים, און ניט קיין שיפעל, נאר א גרויסע שיף, אין וועלכער זי וועט אמאל זיך אוועקלאזען פאהרען איבער ווייטע לענדער.

— לארי, דו האסט אמאל געפרואווט חלומ'ען, אויסטראכטען זאכען?

— וואס מיינסטו, עלינאר, פארוואס חלומ'ען, אויסטראכטען זאכען?

— „דעי דרימס", חלומ'ען אויף דער וואך.

— אה...

— עס איז גוט אמאל צו חלומ'ען אזוי. עס איז אן „עסקעיפ" — אוועקגעהן פון דערווירקליכקייט.

— דיר האט זיך געמוזט לעבען שלעכט, אז דו האסט געזוכט אן „עסקעיפ", — האט לארי, מיט א סך ווארעמקייט, פארקוקט איהר אין די אויגען.

— ניט איצט, לארי. איצט איז מיר גוט. — האט זי זיך א טוליע געטאן צו איהם.

— יע, עס איז ניט גרינג פאר קיינעם, — האט לארי אין א וויילע ארום געזאגט, — נאר מיט חלומ'ען אליין וועסטו ווייט ניט אוועק.

— דו האלטסט מיך פאר זעהר א פוסטען קאפ, לארי, ניט אזוי?

— א, נייז, פארקערט, — האט ער זיך א כאפ געטאן, — דו, א פוסטע קאפ? עס פאסט זיך גארניט אזא ווארט צו דיר. — האט ער זי אנגעקוקט מיט אנטציקונג דורך זיינע שווארצע קלוגע אויגען. — זיין זיכערע שטימע און זיין קוק האבען אזוי ווי איהר צוגעזאגט, אז פון איצט־אן וועט אלץ זיין גוט מיט איהר.

— איך חלום איצט אויך פון א וואונדערבארער מיידעל. — האט ער זי ארומגענומען און צוגעצויגען צו זיך.

ארום זיי איז איצט געווען זעהר שטיל. איבער דעם טונקעלען הימעל האט וואו־ניט־וואו א שטערן זיך צופינקעלט. לארי האט פארגעסען קוקען אויפ'ן זייגער, ווי די צייט איז געלאפען, כאטש ער איז געווען אזוי פארנומען מיט זיין ארבייט אלס א דאקטאר אין שפיטאל און זיין יעדע מינוט איז געווען אויסגערעכענט.

לארי האט שוין דעמאלט געהאט אין זינען, אז עלינאר איז פאר איהם די ריכטיגע מיידעל און אז ער וויל מיט איהר חתונה האבען. אבער ביז איצט האט ער נאך מיט איהר פון דעם ניט גערעדט. ער האט דערווייל בלויז געוואלט וויסען וואס עלינאר טראכט וועגען דעם, אז זיי זאלען ווערען מאן־און־ווייב. און איצט, ביים זעגענען־זיך מיט איהר, האט ער איהר א פרעג געטאן:

— עלינאר, דו האסט דערצעהלט דיין טאטע־מאמע וועגען אונז?

עלינאר האט זיך נאך געטוליעט צו איהם, געהאלטען צוגעמאכט די אויגען און געשוויגען שטיל. און לארי האט ווידער ביי איהר געפרעגט:

— דו וועסט די טעג זעהן רעדען מיט זיי, יעס, עלינאר?

— יעס, יעס. — האט עלינאר ארויסגערעדט ווי דורכ'ן שלאף.

פאר איהר איז איצט קיין זאך ניט וויכטיג געווען, ווי נאר די איין געשעהעניש, אז זיי זיינען איינס, אז זיי באלאנגען איינע צו די אנדערע אויף שטענדיג...

דאס איז געווען אין יענעם זונטאג אינדערפריה, ווען מיט א טאג פריהער, שבת ביינאכט, האט לארי אפען געגומען רעדען מיט עלינאר'ן וועגען דעם, אז זיי זאלען חתונה האבען. ער האט איהר שוין געזאגט דאס ווארט. און איצט איז זי געלעגען אין בעט ביי זיך אין צימער; זי איז ניט געשלאפען, נאר געדרימעלט, און אין האלבען דרימעל האט זי נאכאמאל דורכגעלעבט די וואונדערליכע מינוטען פון דעם נעכטיגען אווענט, ווי ווילענדיג וואס־לענגער צו פארציהען דעם דורכגעלעבטען פארגעניגען.

זיי האבען פריהער פארבראכט אויף בראדוועי, ביי א פארשטעלונג אין טעאטער; דערנאך זיינען זיי אריין אין א רעסטאראן עפעס איבערצובייסען. און לארי האט זיך איבערגעבויגען צו איהר און א זאג געטאן:

— דו ווייסט, עלינאר, מיר האבען גאר געדארפט חתונה האבען.

שפעטער, ווען לארי האט איר אפגעפירט אהיים, זיינען זיי נאך לאנג געשטאנען לעבען איהר שטוב און לארי האט ווידער וועגען דעם גערעדט. ער האט געוואלט הערען פון איהר אן ענטפער. עלינאר איז געווען ווי אין שכרות, זי האט זיך נאר א טולע־געטאן צו איהם און שטיל ארויסגערעדט:

— לארי, דו ווייסט ווי איך האב דיך ליב. וואס נאך קען איך דיר זאגען?

דאס איז געווען א מינוט אויף יאהרען צו גערענקען. זי האט צוגעמאכט די אויגען און מיט ביידע הענט צוגעדריקט פעסט איהר הארץ און די יונגמיידעלשע ברוסטען פון טיפען פארגעניגען. זי איז ווידער אריינגעפאלען אין א דרימעל זיך נורענדיג אין דעם ווייסען בעטגעוואנט.

היינט, זונטאג, האט עלינאר זיך ניט געדארפט איילען אויפשטעהן און לויפען אין סקול לערנען, און זי האט געקענט אזוי אפליגען אין בעט ביז'ן האלבען טאג. זי האט געהערט פון דעם אנדערען צימער ווי די מאמע איהרע רודערט שוין ארום. זונטאג איז געווען דער טאג ווען בעלא האט גערעמט און געוואשען און געבראכט אין ארדנונג איהר שטוב. זי האט דערהערט דער מאמע'ס קול רוידען צו איהר.

— שטעה אויף עסען ברעקפעסט, עלינאר — האט בעלא איהר טאכטער געוועקט. — דאס הארץ קען פארחליש'ט ווערען ליגען ביז'ן האלבען טאג ניט געגעסען.

— וואס האבען מיר היינט פאר ברעקפעסט, מא? —האט עלינאר פאר איהר מאמען זיך א פיעסטשע געטאן, און בעלא האט איהר טאכטער געענטפערט:

— אז דו וועסט אויפשטעהן און זעצען זיך צום טיש, וועסטו שוין זעהן.

עלינאר האט איצט געפיהלט זיך שטארק שולדיג אנטקעגען איהר מאמען. זי וויים נאך גארניט. היינט, באלד, וועט זי מיט איהר רעדען. זי וועט איהר אלץ דערצעהלען — פון לארי'ן, פון איהר גליק. ווי וועט דאס די מאמע איהרע אויפנעמען?

(ווייטערעס — מארגען)





## חנה ספעקטאָר מאַכט אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגען תנ"ך געשיכטעס

ריידענדיג וועגען דער וויכטיגקייט פון ווייץ פאר מענשליכער נאהרונג, האט די באַריהמטע קאמענטאטארין חנה ספעקטאר אנגעוויזען אויף א פאר געשיכטעס אין תנ"ך וואס באווייזען, אז שוין אין יענע צייטען האט מען באגריפען וואס פאר א נויטווענדיגע שפייז ווייץ איז. ווען שמשון הגבור האט געוואלט נקמה נעמען פון די פלישתים, האט ער פארניכטעט זייערע ווייץ־פעלדער. און ווען דוד המלך איז אנטלאפען פון אבשלום'ס אויפשטאנד, האט זיין לאיאלער פריינט, דער אלטער ברזילי הגלעדי, געבראכט ווייץ צו שפייזען דעם קעניג און זיין ארמיי.

עס איז כדאי אנצואווייזען, אז די ווייץ וואס ווערט דערמאנט אין תנ"ך האט געמיינט גאנצע ווייץ — ווייץ מיט דער גאנצער נאהרהאפטיגקייט וואס די נאטור האט אריינגעטאן אין דעם ווייץ־קערנדעל. און דאס איז פונקט דער סארט גאנצער ווייץ וואס איהר קריגט אין אינסטענט ראלסטאן; דער מחיה'דיגער הייסער סיריעל וואס קאכט זיך־אויף אין בלויז צוויי סעקונדען! אינסטענט ראלסטאן איז האל ווהיט אויף דעם אופן ווי איהר האט עס ליב צום בעסטען. עס איז געמאכט פון דעם זעלבען נאהרהאפטיגען גאנצען קערנדעל ווי דער באריהמטער רעגולערער ראלסטאן — א באליבטער סיריעל שוין מעהר ווי פופציג יאהר.

חנה ספעקטאר ווערט געהערט אויף דער ראדיא יעדען וואכענטאג, מאנטאג דורך פרייטאג, האלב נאך 12 אזייגער בייטאג, איבער סטעישאן דאבעליו־אי־ווי־די.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ●●● פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאָר האָט זיך אַ הויב־געטאָן פון בעט, געגעבען אַ ציה־אַרויף די שטאָרע און געעפענט מעהר דעם פענסטער. אַ פרישע ווינטעל האָט זיך אַריינגעריסען אין צימער און ליכטיגע זון־פלעקען האָבען זיך אַ שפּילגעטאָן איבער דער וואַנט. עלינאָר איז באַלד אַוועק אין וואַש־צימער, געלאָזען לויפען אויף זיך שטראָמען וואַסער פון „שאַוער". זי איז איצט געווען אויפגעלעבט מיט אַלע חושים און יעדער גליד האָט אין איהר געזונגען. באַלד איז זי ווידער געווען ביי זיך אין צימער, געשטאַנען בײם שפּיגעל און אָנגעוואָרפען אויף זיך די זאַכען; מיט דעם פריכאָרגען־קלייד איינגעוויקעלט אירע דינע, בויגעוודיגע גלידער. אינמיטען פון פאַרבינדען דעם גאַרטעל ארום זיך, האָט זי זיך פאַרקלערט, געבליבען שטעהן אַנטקעגען שפּיגעל:

— „ס'איז דאָ אַ וואונדערליכער באָי, לאַרי, און ער האָט איהר ליב, און זי איהם אויך" — זי איז געווען איבערוועלטיגט. — „צו ווערען געליבט פון אַזאַ באָי ווי לאַרי" — און אַ מאָדנע פרייד איז איהר באַפאַלען אויף דאָס ניי.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קעמעל פון איהר טואַלעט־טישעל און אַ קאַםגעטאָן איהרע ברוינע, געלאָקטע האָר, גיך, גיך, מיט ענערגישע באַוועגונגען, ניט וויסענדיג וואָס זי טוט. זי האָט זיך צוגעהערט צו דער מאַמע'ס טריט איבער'ן שטוב. איצט איז די מאַמע געווען אין קיך, צוגעגרייט דעם עסען. איבער'ן שטוב טראָגט זיך שוין דער פרישער ריח פון קאַווע.

— איך קום שוין, מאַ! — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

זי איז אַריין אין קיך, זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגען איהר מאַמען. אַלץ איז שוין געווען אָנגעגרייט אויפ'ן טיש, און עלינאָר האָט אַלץ געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט און מיט גיכע, נערוועזע באַוועגונגען:

— „זאָל זי איצט אָנהויבען ריידען מיט איהר מאַמען? שפּעטער, אַז זיי וועלען אָפּעסען". — עס האָט איהר שטאַרק געקלאַפּט אין האַרצען. ווי די מאַמע וועט דאָס זיין איבערראַשט הערענדיג פון איהר טאָכטער די גוטע נייעס...

בעלאַ האָט דערווייל פון דער זייט געוואָרפען פאַרשענדיגע בליקען אויף איהר טאָכטער, נאָר זי האָט דאָ גאָרניט געקענט פאַרשטעהן. זי האָט נאָר געהאַט אַ באַגריף אַז עס איז איהר איצט גוט, עלינאָר'ן. שוין לאַנג האָט זי באַמערקט ווי עלינאָר האָט זיך שטאַרק געביטען. זי איז אַזוי אויפגעמונטערט און שיינענדיג. אַוועק זיינען פון איהר די קאַפּריזנע גענג און דער אומעט וואָס איז אָפט געווען אַרום איהר. מען זעהט שוין אויף איהר פּנים אַ גוטען שמייכעל, און אַז זי רעדט צו אַ חבר'טע אין טעלעפאָן איז איהר קול פרעהליכער. און זי קען איצט שטיפעריש לאַכען און מאַכען זיך לוסטיג.

— „שוין, מסתּמא, אַ נייער באָי" — האָט בעלאַ איצט ביי זיך אַ טראַכט געטאָן. עלינאָר האָט שוין אַזוי עטליכע באָיס געהאַט, וואָס וועגען יעדערען פון זיי האָט בעלאַ געמיינט אַז דאָס איז שוין אַ חתן, און צום סוף האָט זיך פון דעם גאָרניט אויסגעלאָזען.

עס האָט דער מאַמען פאַרדראָסען אויף איהר טאָכטער, וואָס זי פאַרטרויט זיך ניט און דערצעהלט איהר גאָרניט. זי האָט אַפילו געקראָגען פון עלינאָר'ן אַ פאַרזאָג, אַז זי זאָל אין אַזעלכע ענינים זיך ניט מישען. האָט זי איצט געשוויגען שטיל, בעלאַ. שוין געוואוינט צו איהר טאָכטער'ס מאָדנע גענג.

און עלינאָר'ן איז אַלץ שווער געווען אָנצוהויבען אַ שמועס מיט דער מאַמע'ן. אַז זי האָט אָפּגעגעסען, האָט זי זיך געגעבען אַ הויב אויף פון טיש, צוזעפּענט אַן אַלמער מיט זאַכען וואָס איז געשטאַנען אין קאָרידאָר, און זי האָט גענומען איבערקוקען איהרע קליידער, וואָס זיינען דאָרט געווען געדריכט אָנגעהאַנגען:

— דו געהסט היינט ערגיץ, עלינאָר? — האָט בעלאַ גלאַט אַזוי איהר אַ פרעג געטאָן.

— וואָס דען, איך וועל זיצען אין שטוב? — האָט עלינאָר אַרויסגערעדט מיט אַ גרינגען געמיט.

— געה, געה, געזונטערהייט. איך זאָג דיר דען עפּעס? — האָט בעלאַ ווי פאַרענטפערט זיך פאַר איהר טאָכטער.—איך וויל דאָך אַליין דו זאָלסט פאַרברייננגען.

בעלאַ האָט אָפּגעראַמט פון טיש. אויף גיך צעוואַשען דאָס געפעס בײם סינק און אויפגעשטעלט די פּרעסברעט. אַ פּעקעל וועש איז שוין געלעגען איבערגעטריקענט און זי האָט זיך געשטעלט איצט דאָס איבערפּרעסען. כיטאָמאָל האָט זי דערפיהלט ווי אַ פּאָר הענט נעמען זי אַרום פון הינטען אַרום האַלז, עלינאָר'ס הענט. בעלאַ האָט זיך אַזש אַ צאַפּעל געטאָן:

— וואָס איז מיט דיר, עלינאָר? וואָס ביזטו משוגע?

— אַה, מאַ! — איז עלינאָר איצט אַ ציטערדיגע געשטאַנען אַנטקעגען איהר מאַמע'ן.

— וואָס מאַ, וואָס ווילסטו האָבען? — איז שוין בעלאַ געוואָרען אומגעדולדיג.

— סאַמטהינג וואַנדערפול העפּענד טו מי, מאַ! — (עפּעס וואונדערליכעס איז מיט מיר געשעהן, מאַ).

בעלאַ האָט אַוועקגעשטעלט דעם פּרעס־אייזען, זיך אומגעקערט צו עלינאָר'ן.

— וואָס איז געשעהן? טאָ רעד קלאָרע ווערטער — האָט בעלאַ איצט אָנגעקוקט איהר טאָכטער. זי איז אַפילו אומרוהיג געוואָרען.

— לאָז איבער דאָס פּרעסען און קום מיט מיר אין ליווינג־רום, וועלען מיר ריידען — האָט עלינאָר געפירט איהר מאַמע פאַר דער האַנט. בעלאַ האָט דערפיהלט, אַז עפּעס אַן ערנסטע זאַך האָט מיט איהר טאָכטער פּאַסירט. קיינמאָל האָט זי נאָך עלינאָר'ן אַזאַ ניט געזעהן.

איצט זיינען זיי ביידע געזעסען אויף דער אָטאָמאַנע, נאָהענט איינע צו דער אַנדערער, מאַמע און טאָכטער. אַ ווײלע האָבען זיי ביידע געשוויגען.

— אַי. עם ענגעידזשד, מאַדהער!
— האָט עלינאָר אויסגעפּלאַצט די נייעס.

בעלאַ האָט ערשטוינט אָנגעקוקט איהר טאָכטער און גאָרניט געקענט זאָגען.

— יעס, מאַמאַ, ס'איז אמת. איך בין פאַר'קנס'ט צו אַ באָי — האָט עלינאָר אָנגענומען איהר מאַמע'ס האַנט און זיך אַ טוליע געטאָן צו איהר.

— נו, דערצעהל שוין ווער איז דער באָי? — איז בעלאַ געוואָרען צערודערט.

— לאַרי, לאָורענס פינקעל איז זיין נאָמען.

— לאָורענס פינקעל? — האָט בעלאַ איבערגעזאָגט אַ צוטראָגענע.

— ער שטודירט מעדיצין. ער וועט זיין אַ דאָקטאָר.

— וואו האָסטו זיך מיט איהם באַקענט? דערצעהל מיר לאָטש אַלץ.

— ביי מאַרטהאַ'ן, מיין חבר'טע. אויף דער חתונה. זי האָט געהאַט אַ פּאַרטי, ווייסט דאָך...

בעלאַ האָט געשוויגען שטיל. פון דער שאַרפקייט פון איהר בליק, ווי זי האָט אָנגעקוקט איהר טאָכטער, האָט עלינאָר פאַרשטאַנען, אַז זי איז מיט עפּעס ניט צופרידען.

— וואָס איז, מאַדהער? דו ביזט עפּעס אין כעס אויף מיר?

עס איז געווען אמת. בעלאַ האָט זיך געפיהלט טיף באַליידיגט און געקרענקט. אַט דאָס איז זי אַזאַ, די טאָכטער איהרע? קומט איהר דערצעהלען שוין אַ פאַרטיגע זאַך—„איך בין ענגעידזשד, מאַ!"

— ווי לאַנג איז אַז דו קענסט זיך שוין מיט דעם באָי?

— אָה, שוין אַ לאַנגע צייט. מעהר ווי אַ האַלב יאָהר.

— און די גאַנצע צייט האָסטו געשוויגען. האָסט מיר גאָרניט ניט דערצעהלט...

עלינאָר האָט ניט געקענט זאָגען איהר מאַמען פאַרוואָס זי האָט די גאַנצע צייט איהר גאָרניט דערצעהלט. זי האָט מורא געהאַט אַלץ, אַז די מאַמע איהרע זאָל נאָך מיט עפּעס ניט קאַליע מאַכען. זי וועט נעמען זיך אַריינמישען מיט איהר צופיל געטריישאַפט, און וועט נאָך איבערפירען אַלץ...

— איך בין נאָך אַליין ניט געווען זיכער — האָט עלינאָר געזוכט אַ תירוץ.

— וואָס הייסט?

— אַנעסטלי, מאַ — האָט עלינאָר איהר געוואָלט איבערבעטען.

— נו, ניטאָ וואָס צו פאַרענטפערען זיך איצט. אַזאַ ביזט דו שוין פון אַלע מאָל — האָט בעלאַ אָפּגעהאַקט אין מיטען — אַבי זאָל נאָר זיין מיט גליק.

איצט האָבען מאַמע און טאָכטער זיך געהאַלטען אַרומגענומען און געקושט און ביי ביידען זיינען געווען טרערען אין די אויגען, און זיי האָבען ניט געקענט גאָרניט רעדען. יענעם גאַנצען פרימאָרגען זיינען זיי ביידע געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. בעלאַ'ן איז געווען גוט פון דעם, וואָס איהר טאָכטער האָט ענדליך געקראָגען איהר באַשערטען. זי האָט דאָך געהאַלטען אַז אַ מיידעל מוז חתונה האָבען ווען זי איז נאָך גאָר יונג. בפרט נאָך עלינאָר, מיט איהר היציגען „טעמפּער" (טעמפּעראַמענט). זי האָט נאָר געוואָלט זיך מעהרער דערוויסען ווער איז דער באָי, פון וואָס פאַר אַ סאָרט היים ער שטאַמט, ווי זעהט ער אויס...

— דו ווייסט דאָך איהם מסתּמא ברענגען אַהער אין שטוב, עלינאָר. איך מעג זיך באַקענען מיט איהם, ניין?

(ווייטערס — מאָרגען)















# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • • • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— מאַרהעט, פליז, דו ביזט נאָך אַלץ אין כעס אויף מיר.

כ'בין ניט אין כעס. נאָר איך מעג דאָך איהם אָנקוקען, זעהן וואָס פאַר א סאָרט מענש ער איז? — עפּעס האָט זיך איהר נאָך ניט גע־גלויבט די גאַנצע זאַך.

— זיכער, מאַ. איך וועל מיט איהם אָפּרעדען א טאָג ווען ער קען קומען אַהער און איהר וועט זיך באַקענען. ער איז זעהר פאַרנומען מיט זיין לער־נען.

— ווי זעהט ער אויס, דיין באַי?

— איז בעלאַ אַלץ נייגעריג געוואָרען צו וויסען.

— אָה, רעד גאָרניט, מאַ, איך וויים. ער וועט דיר געפעלען.

אזוי האָבען זיי צווישען זיך גע־שמועסט, אָפּגעהאַקט און געכאַפּט. אויף אַרומצורעדען ערנסט דעם גאַנ־צען ענין האָבען זיי אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערס מאָל. ביי ביידען אין גע־דאַנק איז איצט געווען סעם, דער טאַ־טע עלינאָר'ס. וואָס אין אַזאַ וויכטי־גער שעה, ווען זיין טאָכטער איז פאַר־קנס'ט צו אַ בחור, איז ער ניטאָ אין דער היים. ער ווייס אַפּילו ניט פון דעם. נאָר זיי האָבען פון דעם גע־שוויגען.

בעלאַ'ס פּנים האָט אויסגעדריקט אויפרעגונג. זי איז געווען צוטראָגען. און עלינאָר האָט אָנגעקוקט אַ ווײַלע איהר מאַמען און זי האָט זיך געפיהלט שטאַרק שולדיג אַנטקעגען איהר. זי איז פון אַלע מאָל געווען צו שאַרף צו איהר מאַכען, און ווייניג צוגעלאָזען. „אַי וויל מעיק אַפּ פאָר עוורי־טהינג" (איך וועל אַלץ גוט־מאַכען) — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. זי איז אַוועק אין איהר צימער, זיך איבערטאָן אויף אַרויסגעהן אין גאַס. אַליין אַ צוטראָ־גענע פון איהר שמועס מיט דער מאַ־מען...

בעלאַ האָט זיך גענומען צו פאַרענ־דיגען איהר אַרבייט אין שטוב. זי האָט אָנגעשטעלט דעם „וואַקיום־קלי־נער", און איז מיט דעם אַוועק איבער דעם גרויסען טעפּיך אין ליוו־ינג־רום, זוי צו וועלען אין זיך פאַר־טויבען די אויפגערודערטע געפיהלען איהרע וועגען איהר צושיידטע מאַן און וועגען איהר גאַנצען, איצטיגען לעבען.

### צעהנטער קאַפּיטעל

אין יענעם טאָג, ווען עלינאָר'ס מאַ־מע, בעלאַ, האָט זיך דערוואוסט, אַז איהר טאָכטער איז פאַרליבט אין אַ באַי און מען דאַרף זיך שוין אָנהויבען גרייטען צו דער חתונה, איז זי געווען ניט ווייניגער אויפגערודערט ווי איהר טאָכטער עלינאָר. ביי לייטען, ווען מאַן און ווייב זיינען איינס, ווען זיי זאָרגען זיך אינאיינעם און פרעהען זיך אינאיינעם, איז דאָך אַזאַ וויכטי־גער ענין, אַז מען האַלט ביים חתונה מאַכען אַ טאָכטער. און ביי איהר, בעלאַ'ן, האָט עס נאָר אויפגערודערט איהר האַרצוועהטאָג, אַז זי האָט היינט נאָר געטראַכט וועגען סעם ריוועקין'ען, איהר געוועזענעם מאַן.

שוין באַלד זיבען יאָהר אַז ער איז אַוועק פון דער היים. דער וועהטאָג איז פאַר דער צייט אָפּגעטעמפּט גע־וואָרען אין איהר. נאָר עס איז געווען ווי ניט קיין פאַרהיילטע וואונד, וואָס אַז מען רירט זיך צו דעם צו — טוט וועה.

מען האָט איצט פריהער פון אַלץ געדאַרפט אויסגעפינען וואָס פאַר אַ סאָרט מענש ער איז, דער באַי, עלי־נאָר'ס... ווער זיינען די טאַטע־מאַמע זיינע. עלינאָר איז איצט אַזוי פאַר־ליבט, אַז זי ווייס ניט וויים עס טוט זיך מיט איהר. און מען קען ניט אויף איהר מיינונג זיך פאַרלאָזען. זי, בע־לאַ, דאַרף דאָס אַלץ האָבען אַליין אין זינען.

בעלאַ דערמאָנט זיך איצט, אַז אַפּילו ווען ער, סעם, איז נאָך געווען אין דער היים, האָט זי אויך אַלע וויכטיגע אָנגעלעגענהייטען פון שטוב געדאַרפט אַליין האָבען אויפ'ן קאָפּ. סעם האָט אַלע מאָל גענומען זאַכען גרינג. און אַז עס האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ שווערע פּראָבלעם האָט ער דאָס אָפּגעשטופּט אַן אַ זייט, אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדערס מאָל צו באַשליסען. און אַז זי האָט געוואָלט עפּעס קויפען פאַר'ן שטוב און זי האָט געפרעגט ביי איהם אַ עצה, האָט ער געהאַט איין ענטפער:

— וואָס פרעגסטו ביי מיר? טו ווי דו ווילסט.

און איצט מיט עלינאָר'ן. ס'איז ניטאָ צו וועמען וועגען דעם צו רעדען. „אַ טאַטע איז דאָס!" — האָט זי ביטער אין זיך אַ טראַכט געטאָן. ווען עס זאָל זיך ווענדען אָן איהר, וואָלט זי איהם אַפּילו גאָרניט דערצעהלט פון דער געשעהעניש. ער איז דאָס ניט ווערט צו וויסען. זי וואָלט איהם אַפּילו צו דער חתונה עלינאָר'ס ניט גערופען.

כדי צו באַרוהיגען איהר געמיט האָט בעלאַ איצט געמוזט עפּעס טאָן. עלי־נאָר האָט זיך אָנגעטאָן און זי איז אַוועק פון שטוב. זי איז אַריין צו איהר טאָכטער אין צימער. אַלץ איז דאָרט געווען איבערגעוואָרפען. זאַכען האָבען זיך געוואַלגערט אויף די שטו־לען און איבער דער ערד. עלינאָר איז גאָר קיין באַלעבאָסטע ניט. וויפיל זי האָט איהר ניט געלערענט צו האַל־טען אין אָרדענונג איהרע זאַכען... בע־לאַ האָט צוהאָנגען די קליידער אויף די הענגערס און אוועקגעלייגט אַלץ אויף אַן אָרט וואו עס באַדאַרף צו זיין. נאָר זי האָט אַליין אויך היינט ווייניג אויפ־געטאָן. צופיל איז זי געווען צוטראָ־גען.

אין אַזאַ צייט וואָלט געווען צו קענען דורכרעדען זיך מיט אַ פריינט. נאָר בעלאַ האָט קיינעם ניט געהאַט, אויסער דער רייכער שוועסטער־קינד איהרער, אַרדעלאַ'ן. און אַדעלאַ איז איצט ניט געווען אין שטאָט. און זי וואָלט סאַי־ווי איהר ראַ ווייניג אַרויס־געהאָלפען.

„אַ קאַלטער לונג און לעבער, די אַדעלע. צופיל פאַרנומען מיט זיך אַליין."

אין אמת'ען האָט בעלאַ קיין גוטע פריינט קיינמאָל ניט געהאַט. און זי האָט ניט געהאַט דעם פאַרגעניגען פון קענען טיילען זיך מיט אימעצען מיט איהרע פריידען אָדער ליידען. פריינט־שאַפט פון איין מענשען צום אַנדערען קען נאָר געדייען אויף געבען און נע־מען... אַגיף מיט־פיהלען און מיט־ליי־דען מיט יענעם. און בעלאַ האָט ווי־ניג געהאַט אין זיך פון אַט דעם סאָרט מאַטעריאַל. איהר חאַריז איז פאַר־האַרטעוועט געוואָרען אין זאָרגען זיך וועגען איהר לאַגע. ווען סעם איז אַוועק פון דער היים, איז זי געבליבען, קען מען זאָגען, אָהן וועלכע עס איז הילף. סעם האָט אַלע מאָל אָפּגעגעבען פאַר איהר און פאַר עלינאָר'ן אַ טייל פון זיינע פאַרדינסטען. נאָר דאָס איז ניט געווען גענוג צו פירען אַ הויז אַזוי ווי זי האָט דאָס פאַרשטאַנען. און עלינאָר, וואָס זי האָט פאַרדינט פון לערנען אין סקול, האָט זי אויסגעגע־בען אויף שעהנע קליידער און אַלע אַנדערע זאַכען וואָס זי האָט געדאַרפט האָבען פאַר זיך.

ביי בעלאַ'ן האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ געדאַנק, אַז אַלע מענשען זיינען שלעכט און פאַרדאָרבען, און יעדער איינער זאָרגט נאָר פאַר זיך. איז זי געוועזן, קען מען זאָגען, אַן איינזאַמער מענש, און זי האָט געטראַכט, אַז קיי־נער פאַרשטעהט איהר נישט...

דערפאַר, אַז עס איז געקומען צו ביזנעס, איז זי געווען אַ גרויסער ער־פאָלג. זי האָט פאַרקויפט פאַרטיגע דרעסעס צו פרויען־קאַסטימערס, און מיט יעדען יאָהר איז זי געוואָרען גע־ניטער, איהרע חושים שאַרפער, און זי האָט געוואוסט וואו און ווען צו קויפען וואַרע. פאַר דער צייט זיינען איהר צוגעקומען אַ סך קליענטען־פרויען, וואָס פלעגען קומען צו איהר אין שטוב קויפען דרעסעס, און זי האָט געוואוסט וואָס פאַר אַ סטאַיל און וועלכען מאַטעריאַל, ווי פאַר וועמען עס האָט זיך געפּאַסט.

אין דער זעלבער צייט האָט זי שטאַרק אַכטונג געגעבען אויף איהר אייגענעם אויסזעהן און איהר פיגור, שטענדיג אָנגעטאָן אין אַ סטאַילישען קלייד. איהרע האָר האָט זי געפאַרבט מיט אַזאַ שטאַרקען פאַרב און יעדען מאָל זיינען זיי געוואָרען שוואַרצער. זי האָט זיי געטראָגען הויך אויפגע־טורעמט איבער'ן שטערן. די דורכ־געלעבטע ליידען האָבען אויסגעאַיי־דעלט איהר פּנים, שטילער געמאַכט איהר קול, נאָר די אויגען איהרע האָ־בען געקוקט שאַרף און קלוג און זי־כער מיט זיך.

(ווייטערס — מאָרגען)

# דער פעטער פון אַמעריקע

(שלום פון פּעידזש 2)

אַ נייטאַרין. פון דער היים איז זי אַ רייך מיידעל, נאָר דאָ האָט זי זיך אויס־געלערענט שניידעריי.

— פאַרוואָס איז זי אַוועק פון דער היים, אויב זי איז אַ רייך מיידעל?

— אָ, ס'אַ גאַנצע געשיכטע. דער פאָטער איז אַ בירגערליכער מענש, און זי איז אַ לינקע. זי איז געזעסען און מ'האָט זי אַרויסגעלאָזט אויף קויציע. איצט איז דער פאָטער שוין אָרעם. דאָס קליינבירגערטום אין פוילען קיי־קעלט זיך גיך באַרג־אַראָפּ.

— וואו וואוינט דער פאָטער?

— אין וואַרשע.

— פאַרוואָס איז זי געזעסען?

— פאַר זאָגען תהילים.

סעם ווענגראָווער האָט נישט גע־וואוסט פאַרוואָס, נאָר דער שמועס האָט איהם פאַרשאַפט פאַרגעניגען. דער דאָזיגער יונגערמאַן מיט די גע־קרייזעלטע הערעלעך, מיט דעם שפּי־ציגען גאָרגעל, וואָס איז אַרומגעלאָ־פען איבער דעם אַנטבלויזטען האַלז, און מיט די פּעך־שוואַרצע גלאַנציגע אויגען — האָט איהם דערמאָנט אין דער צייט ווען ער אַליין, סעם ווענ־גראָווער, פלעגט אַריינפאַלען אויף סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען דאַון־טאַון, אויף דער איסט־סאַיד, וואו ס'פלעגען קומען גרינע רעדנער. איי־נער פון זיי האָט זיך געהאַט אַרויס־געכאַפּט פון טורמע אין אַ פּאַס קרויט. אַנדערע האָבען געוואָרפען באָמבעס אויף גובערנאַטאָרען. ער, סעם ווענ־גראָווער, איז קיינמאָל נישט געווען קיין סאָציאַליסט, אָבער ער האָט אָפּט געלייענט אין די אידישע צייטונגען פון קאָנספּיראַטיווע דירות, געהיימע דרוקערייען, אַגענטען, פּראָוואָקאַטאָ־רען, טעראָריסטען, די שליסעלבורגער פעסטונג. מ'האָט אויך געמאַכט דער־פון אַ דראַמע אויף סעקאָנד עוועניו, וועגען זיבען געהאַנגענע. אַט־דער יונ־גערמאַן האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון איינעם פון זיי. סעם ווענגראָווער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו געבען דעם יונגענמאַן עטליכע דאָלאַר.

— דאַרפסט פיליכט עפּעס געלט? — האָט ער איהם געפרעגט. — שעם דיך נישט!...

— קיין געלט וועל איך ביי אייך נישט נעמען — האָט דער יונגערמאַן זיך געאײַלט אָפּצוענטפערען. — נאָר אַ טובה קאָנט איהר אונז טאָן.

— וואָס פאַר אַ טובה?

— ס'איז אַביסעל קאָמפּליצירט. נאָר איהר'ט פאַרשטעהן. מיין פריינ־דין וויל זיך זעהן מיט די עלטערען. ס'חייסט, נישט מיט דעם פאָטער, נאָר מיט דער מוטער. זי איז קראַנק. זי האָט אַ ראַק. מיין פריינדין ווייסט נישט, אָבער זי שטויסט זיך אָן. ס'איז דאָ נאָך אַ שוועסטער. נאָר זי איז ביי דער מאַמע'ן די מיזינקע... ס'אַ טראַגעדיע. פאָרען לעגאַל קאָן זי נישט, ווייל זי האָט אויף זיך אַ פּראָצעס. נאָר זי וואָלט געפאָרען אומלעגאַל. ווען איהר קאָנט זי מיטנעמען קיין פוילען, וואָלט איהר אונז געטאָן אַ גרויסע גע־פעליקייט.

— ווי אַזוי קאָן איך זי מיטנעמען?

— אַ אַמעריקאַנער קאָן אַלץ.

אַ פיפיג בחור'ל, האָט סעם ווענ־גראָווער באַשלאָסען. ער האָט גע־בלאָזט קייקעלעך רויך דורך די נאָז־לעכער. אין אַמעריקע קאָן מען אָפּזי־צען טויזענט יאָהר, און מ'זאָל זיך נישט אָנשטויסען אויף אַזעלכע פּלאָנ־טערנישען. ביי אונז, אַז מ'וויל פאָרען, פאָרט מען. דאָ איז אַלץ פאַרדרעהט און פאַרוויקעלט. דאָס איז יוראָפּ.

— נו, לאָמיר זאָגען, אַז כ'על דאָס טאָן. אַז די רעוואָלוציע ט'קומען, וועסטו מיך אויפהענגען אויף אַ לאָמ־טער.

— צו וואָס הענגען? מיר ווילען בלויז שאַפען אַ פּלאַן־ווירטשאַפט. אויב די בורזשואַזיע וועט נישט שטעלען קיין ווידערשטאַנד, וועט זי ביסלעכ־ווייז ווערען פּראָלעטאַריזירט. אונזער ציל איז אַ קלאַסענלאָזע געזעלשאַפט.

— דאָס זאָגען דאָך די סאָשע־ליסטס —

— ס'ווענדט זיך וואָס'ערע. מיר, טראָצקיסטען, געהען אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז — — —

דער יונגערמאַן האָט לאַנג גערעדט. אַ באַרינער איז אַריינגעקומען און אַרויסגעקייקעלט דאָס טישעל מיט דעם געשיר. סעם ווענגראָווער האָט איבערגעלאָזט דעם יונגענמאַן און איז אַרויס אין קאָרידאָר. ער האָט אָנגע־קלאַפּט ביי דער מרס. קאַרטש. זי איז געזעסען אין אַ שלאַפראָק ביי אַ קאַ־בינעט און מיט אַ צווענגעלע געצופּט האָר פון די ברעמען. פון ביידע זייטען זענען געשטאַנען און געלעגען שאַכט־לעך פּודער, קרעם, צוויקערלעך, שער־לעלעך, פיילעכלעך, בערשטלעך, פלא־ליטור פאַר די נעגעל, פלעשלעך מיט קעלניש וואַסער, פּערפום, ליפּסטיקס, אַלערליי זאַלבען און שמירעכצער. זי האָט דערמאָנט סעם ווענגראָווער'ן אַז אַ כעמיקער אין אַ לאַבאָראַטאָריע. סעם ווענגראָווער האָט זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ ברעג שטול און איהר דערצעהלט פון דעם גאַסט.

— אָ, מאַי, איט סאָונדס אינטע־רעסטינג! מויש איז נעגאַנגען אין אַמעריקען עקספּרעס.

— דער יונגערמאַן זאָגט, ער קאָן פּאַריז. ער וויל אונז פירען ווייזען די שטאָט.

— וואָנדערפול! מיט אייך ווערט מען אין ערגעץ נישט פאַרלוירען!...

זי איז אויפגעשטאַנען און זי האָט זיך אין איהם אָנגעהאָנגען. די זון האָט אַריינגעשיינט. ערגעץ האָט געשפּילט אַ ראַדיאָ. ס'איז געווען אַ לידעל וואָס די מרס. קאַרטש האָט דערקאָנט. מאַ־רים שעוואַליער האָט עס געזונגען אין די מאָוווים. זי איז שוין געווען אין די טיפע פערציגער. נאָר ערשט איצט האָט אַ לויכט־געטאָן דאָס גליק. ווען זי איז דאָ אַזוי געשטאַנען און זיך איינגעזויגען אין סעם ווענגראָווער'ס ליפּען, האָט זי געשפּירט, אַז זי האָט ביז איצט איינגאַנצען נישט געלעבט. זי איז קינדווייז געוואָרען אַ יתומה. די מומע אין וואַרשע האָט זי באַ־האַנדעלט ווי אַ דינסט. דער אָנקעל אין אַמעריקע איז געווען צו איהר גוט, נאָר ער איז געווען צו־פאַנאַטיש. דאָס האָט ער זי געצוואונגען חתונה צו האָבען מיט דעם משה קאַרטש. די יאָהרען זענען אַריבער מיט שטוב־אַר־בייט, טראָגען, האָדען, האָדעווען קינ־דער, אַרומרייסעניישען מיט דער משפּחה. וואָס איז ס'וואונדער, אַז זי האָט צוזאַמענגעבראָכען? די מרס. קאַרטש האָט באַנומען, אַז מ'קאָן זיך אויף דעם סעם ווענגראָווער'ן נישט פאַרלאָזען. אַ מאַנסביל איז ווי אַ ווינט אין פעלד. היינט ועפּעלט איהם איי־נע, מאָרגען — די צווייטע. ער פאָרט קיין ציוריך, זי — קיין טשעכאָסלאָ־באַוו. זי קומט צוריק קיין ניו יאָרק אין אויגוסט, ער האָט איבערהויפּט נישט קיין שיף־קאַרט אַהיים. ס'איז אַ גרויס נאַרישקייט זיך צוצובינדען. אָבער זי קאָן זיך מעהר נישט העלפען. דער געדאַנק איהרער איז שוין פאַרנו־מען מיט איהם בייטאָג און ביינאַכט. זי איז געוואָרען ווי אַ פאַרליבט מיי־דעל פון אַכצעהן יאָהר. זי'ט איהם שוין נישט פאַרגעסען ביז'ן לעצטען אָטעם...

— טוט אייך אָן. דער יונגערמאַן וואַרט. ער וויל אונז ווייזען די קעניג־ליכע פּאַלאַצען!

— יעס, סעם דאַרלינג. כ'על באַלד זיין גרייט —

סעם ווענגראָווער איז אַרויס. די מרס. קאַרטש איז געבליבען שטעהן אַן אַנגערוויטעלטע, אַן אונטערטעניגע, מיט וואַקעלדיגע קני, מיט פאַר־שלאָסענע אויגען. זי האָט זיך איינגע־אָטעמט. אַ חלום'דיגע זיסקייט האָט זי אַרומגענומען און אַ לאַנג־פאַרגע־סענע הפקרות. זאָל זיין וואָס ס'וויל! ס'עט אַמווענינגסטען בלייבען וואָס צו געדענקען...

(ווייטערס — קומענדיגען שבת)

# נויערסעס פון האָספּיטאַל דערצעהלען ווי אַזוי דער „רחמנות מאָרד" איז פאָרגעקומען

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

אָפּגערופען דער דאָקטאָר זאָל קומען, אָבער אַזוי ווי ער איז ניט געווען אין דערהיים, האָט עלים געכאַפּט דעם מאַנטעל, איז אַרויסגעלאָפען צום באָס און איז געקומען צופאָרען, אום צו קענען זיין מיט דער אומגליקליכער מו־טער, איהר טרייסטען. זי האָט עס ניט געמוזט טאָן, אָבער אַזוי איז שוין איהר נאַטור.

אַ שכנה האָט אונז דערצעהלט:

— אַזאַ בעריע ווי עלים איז זעל־טען צו געפינען. אַלץ וואָס זי טראָגט נעהט זי אַליין, אַפּילו איהר הוט וואָס זי טראָגט איצט ביים טראַיעל האָט זי אַליין געמאַכט. זי נעהט אויך פאַר די קינדער. זי באַאַרבייט דעם גאָרטען, האָט דאָרט אַלצדינג — מאַלינעס, גרינצייג, פּרוכטען; זי פּרעגעלט און קאָנסערווירט אַלץ אַליין, און אַריינצו־קומען צו איהר אין הויז איז ווי אין אַ שפּיטאָל. אַלץ בלאַנקט, עס שמעקט פון יעדען ווינקעלע.

### די שווערע לאַסט פון רוחם

עלים איז אַ קליינשטעטעלדיגע מיי־דעל. זי איז געבוירען געוואָרען אין סאַסעקס־הילס, ניו דזשורזי וואו איהרע עלטערען לעבען נאָך איצט, האָט זיך דאַן באַזעצט אין מאַנטשעס־טער, שפּעטער אין קענדיאַ. זי זעהט זיך אַז צו זיין זעהר אַ באַשיידענע. איהר האַלטען זיך, איהרע קליידער, אַלץ זאָגט עדות אויף איהר באַשיי־דענקייט. זי האָט אַ גוטען געשמאַק אין קלײדען זיך, אין איינאָרדענען אַ הויז. איהר שוואַכקייט זיינען אַנטיקס. זי האָט ליב מוזיק און ביי אין הויז פלעגען זיך אָפּט צונויפקומען פריינט און שפּילען אַ טריאָ אָדער קוואַרטעט (דר. סענדער אַליין שפּילט די טשע־לאָ).

זי וויכט דעם רוישיגען לעבען פון דער גרויסער שטאָט. זי וועט ליבערשט געהן מיט'ן מאַן זיך גליטשען אויף סקי אָדער נעמען די קינדער צו אַ פּיקניק אין וואַלד ביים טייכעל, פאַר־ברענגען אַ נאָכמיטאָג כאַפּענדיג פיש אָדער זיך פאַרען מיט ליבשאַפט ביי די בלומען־בייטען.

אַזוי איז איהר לעבען געפלאָסען רוהיג ביז אַלץ האָט געפּלאַצט פּלוצים ווי אַ דונער פון העלען הימעל אַראָפּ. איבערנאַכט איז דער דאָקטאָר און זיין פאַמיליע געוואָרען דער צענטער פון דער וועלט'ס אויפמערקזאַמקייט. רעפּאָרטערס, פאָטאָגראַפערס פון צייי־טונגען, מאָוווים און טעלעוויזשאַן האָ־בען זיך אַריינגעריסען אין זייער שטי־לען לעבען. די שווערע צוקונפט פון אַ מענליכען לעבענסלענגליכען אור־טייל האָט ווי אַ כמאַרע פאַרטונקעלט די זון. אַלץ איז געוואָרען שוואַרץ, ביטער, שווער און אומדערטרעגליך.

### אויגען וואָס בעטען: „האָט מיטלייד!"

מרס. סענדער רעדט ניט. זי שוויגט. זי שמייכעלט אַפּילו ניט. ווען זי שטעלט זיך אויף אין קאָורט מיט'ן מאַן און נעמט געהן — לויפען באַלד די פאָטאָגראַפערס פאַרױס מיט די פאַרטיגע אַפּאַראַטען. זיי פאַרלויפען איהר דעם וועג, בלייך־לאַמפּען נעמען פינקלען איינער נאָכ'ן צווייטען.

אין קאָורט נעמט מען פון איהר ניט אַראָפּ קיין בליק. מען באַמערקט ווי זי איז אָנגעטאָן, ווי זי זיצט, ווי זי שטעהט, וואָס זי טוט. זי פיהלט זיך שטענדיג אונטער די צודרינגליכע בליקען פון הונדערט פאַר נייגעריגע, עגבערענדע בליקען.

זי האָט ניט קיין רוה אין דער היים. רעפּאָרטערס דרעהען זיך אַרום דאָרט ווי בייזע גייסטער. באַוויזט זיך אַ קינד ביים פענסטער נעמען באַלד אויפ־בליצען די לאַמפּען פון די פאָטאָגראַ־פישע אַפּאַראַטען.

די ראַדיאָ הערט ניט אויף צו דער־צעהלען פון איהר, די צייטונגען שריי־בען פון איהר, איהר בילד קוקט אַראָפּ פון צענדליגער זייטען. זי, די באַ־שיידענע, קליינשטעטעלדיגע פרוי האָט ניט קיין רוה ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט.

זי שווייגט אָבער און טראָגט די שווערע לאַסט מיט פאַרביסענקייט און אַ שטילען שטאָלץ. נאָר איהרע אויגען רעדען. ווען זי געהט אַרויס אָדער ביים אַנקומען אין קאָורט, ווען דער עולם נעמט זיך שטופּען צו כאַ־פּען אַ קוק אויף איהר און די שרע־קעדיגע מיילער פון די שוואַרצע קאַ־מעראַס צועפענען זיך פאַר איהר — דאַן שרייען איהרע אויגען אַ שטומע ביטע. איהר בליק איז פול מיט צער און מען קען ממש הערען ווי די אויגען קרעכצען:

— וואָס ווילט איהר פון מיר? פאַרוואָס לאָזט איהר מיך ניט צורוה? פאַרוואָס קומט עס מיר?...

# איהר קענט געהאָלפען ווערען פון דער פרוי צו פאַרבעסערען אייער געהער

ווי לאַנג איז עס שוין, אַז איהר הערט ניט גוט? ווי לאַנג איז שוין, אַז איהר הערט ניט דעם האַרציגען גע־לעכטער פון אייער אייגען קינד? אָדער אפשר איז עמיצער פון אייערע נאָהענטע אין געפאַר און איהר דער־הערט ניט זייער רוף?

אפשר זענט איהר נאָך אַ גאָר יונגער מענש און איהר מיידט אויס די געזעל־שאַפט, צוליב אייער ניט הערען גוט און איהר בלייבט לעבען מיט זיך אַליין, אַנשטאָט צו פאַרברענגען אויף קאָנצערטען, טעאַטערס, אין די מואָ־ווים און געניסען פון לעבען פונקט ווי אַלע נאָרמאַלע הערענדע מענשען?

מיר קענען אייך קומען צו הילף — איהר וועט קענען הערען, אַזוי, אַז קיינער זאָל אַפּילו ניט וויסען.

די סאָנאָטאָן קאָמפּאַני, וועלכע האָט שוין געהאָלפען טויזענטער מענ־שען צו הערען, האָט איצט איינגע־אָרדענט אַ ספּעציעלע אידישע אָפּטיי־לונג וואָס ווערט אָנגעפירט אונטער דער אויפזיכט פון מרס. א. גליקסמאַן, וועלכע האָט דורכגעמאַכט ספּע־ציעלע קורסען אין אַ ישול און וועלכע האָט פילע יאָהרען פון ערפאַ־רונג ווי אַזוי צו טעסטען אייערע אויערען און צופּאַסען דעם ריכטיגען אַפּאַראַט פאַר אייך, אַז איהר זאָלט קענען גוט הערען.



מרס. א. גליקסמאַן

מרס. גליקסמאַן געפינט זיך אין דעם אָפיס פון דער סאָנאָטאָן קאָמ־פּאַני, 570 פינפטע עוועניו, צווישען 46טע און 47טע סטריט, ניו יאָרק, יעדען טאָג אין וואָך, פון 11 אין דער פריה ביז 3 נאָכמיטאָג. איהר קענט איהר רופען פאַר אַן אַפּאַינטמענט — טעלעפאָן: לוקסעמבורג 2-5100 אָדער שרייבען צו איהר אויף פּשוט'ן אידיש (מאַמע־לשון). מיר וועלען טעסטען אייערע אויערען פריי און וועלען אייך העלפען הערען בעסער און איהר וועט מעהר הנאה האָבען פון אייער לעבען! (*

# מבינים זאָגען, אַז גרעיפּפרוכט זיינען אויסגעצייכענט פאַר דיזוירט

איינס פון די גרעסטע קאָפּ־פאַרדרעהענישען ביי באַלעבאָסטעס, ווען זיי גרייטען צו אַ מאָלצייט, איז — וואָס אַזעלכעס מאַכט מען פאַר אַ דיזוירט? עס ווילט זיך האָבען עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיין גוט פאַר דעם גע־זונט, גוט פאַר טעם און גוט פאַר דעם מאָג, קינדער און געסט. זעהר אָפט שאַפען זיך דיראַזינגע באַלעבאָסטעס אַ סך אַרבייט און מיה, און ווען דער דיזוירט ווערט דערלאַנגט צום טיש, בלייבט ער ליגען אויף די טעלער. ניט יעדער קען עסען זיסע און פעטמאַכענדע זאַכען נאָך אַ גוטען מאָלצייט.

אַ סך שפּייז־עקספּערטען, און גאָר אַ סך פרויען, האָבען דאָס שוין פון לאַנג איינגע־זעהן, און זיי האָבען אויסגעפונען אַ וואונ־דערבאַרע לייזונג פאַר דעם פּראָבלעם — זיי סערווירען פלאָרידאַ גרעיפּפרוכט אַלס די־זוירט. אָט די זאַפטיגע, געשמאַקע, האַרציגע פרוכט גיט ניט בלויז די פּאַסיגע דיזוירטס פאַר ענדיגען אַ גוטען מאָלצייט, נאָר פלאָ־רידאַ גרעיפּפרוכט גיבען אויך אַן אוצר פון וויטאַמינען און מינעראַלען — עס איז ממש ווי מען וואָלט דערלאַנגט אַ פּאָרציע פלאָרידאַ זונשיין צום ווינטערדיגען טיש.

פרויען וועלען זיכער זיין צופרידען צו וויסען, אַז אַפּילו אין די רייכסטע ערטער ווערט פלאָרידאַ גרעיפּפרוכט געברויכט אַלס דיזוירט. אַלץ וואָס מען דאַרף איז בלויז פאַרפּוצען דעם גרעיפּפרוכט מיט אַ וויינטרויב אָדער קאַרש — און איהר וועט זעהן ווי די פאַמיליע — און געסט — וועלען זיין העכסט צופרידען פון דעם דאָזיגען דיזוירט. זייט איהר די ערשטע אין אייער הויז איינצופיי־רען די דאָזיגע פלאָרידאַ גרעיפּפרוכט פאַר דיזוירט געוואוינהייט. אייערע פריינט, משפּחה און שכנות וועלען עס זיכער אייך נאָכטאָן...

# הסתדרות

### בראַנטש 520 א. נ. א. פ.

זונטאָג, 8 אָוונט, אַ ישראל אָוונט ביים בראַנטש 520 פון א. נ. א. פ. אין קרעטסמאַר מענשאַן, 108 איסט בוירנסאַיד עוועניו, בראָנקס. משה גאָטפריד, ערשט פון ישראל וועט זיין דער רעדנער.

### ווענגראָווער לעידים סאָסייעטי שאַפט 300 דאָלאַר

אַ דעלעגאַציע פון די ווענגראָווער לעידים סאָסייעטי וועלכע איז באַשטאַנען פון אסתר באָרנשטיין, חוה דזשאָזעף און שרה פּראַווידאַ האָט איבערגעגעבען צום עקזעקוטיוו סעקרע־טאַר פון דער לאַנדסמאַנשאַפטען דיוויזיע ביים הסתדרות, חבר מרדכי כאַינע, אַ טשעק פאַר 300 דאָלאַר פאַר אַ קינדער היים פון דער הסתדרות אין ישראל.

די בעאַמטע פון דער סאָסייעטי זיינען: איוואַ דזשאָזעף, פּרעזידענטין; חנה קיוואַס, וויים־פּרעזידענטין; חיים פּראַווידאַ, סעקרע־טאַר, און עני גנאַט, טרעזשורער. אַרתר באָרנ־שטיין, טשערלעידי פון קאַמפּיין.

### דער ערשטער פּילזנער ס. ב. ק.

זונטאָג, 6:30 אָוונט, וועט פאָרקומען אַ ישראל פייערונג ביי דער ערשטער פּילזנער ס. ב. ס., אין צענטראַל פּלאַזאַ אַנעקס, 40 איסט 7טע סטריט. אין דער פייערונג וועט זיך באַטייליגען די זינגערין לוסיל בלאַקמאַן.

### ביי יאַנאָווער־קאָוונער

די יאַנאָווער־קאָוונער בענעוואָלענט אַסאָסי־איישאַן וועט האָבען אַ ישראל־אָוונט זונטאָג, 7:30, אין 91 איסט 4טע סטריט, נ. י. מאָריס ל. קוליק, וויצע־פּרעזידענט פון דער לאַנדס־מאַנשאַפט דיוויזיע פאַר דער הסתדרות, וועט זיין דער רעדנער. עס וועט געוויזען ווערען אַ ישראל פילם.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

די פרויען, בעלא'ס קליענטען, זיינען מערסטענס אלע געווען שוין אין די מיטעלע יאהרען, און בעלא איז שטענדיג גרייט געווען ארויסצוהעלפען זיי מיט אן עצה, מיט א ווארט, ניט נאר וועלכע קליידער זיי זאלען טראגען, נאר ווי איבערצומאכען זיך אליין, די פיגור, דאס פנים. זי האט זיי געלערענט ווי צו ארויסצוברענגען די גוטע פונקטען פון זייער אויסזעהן און ווי די שלעכטע צו פארבאהאלטען:

— עס איז גאר ניטא אזא זאך וואס א מענש זאל ניט קענען מיט זיך אויפטאן — האט זי גערעדט מיט איהר אויטאריטעטען טאן.

ס'זיינען געווען אזעלכע פרויען, וואס האבען ליב געהאט צו פארטרויען בעלא'ן אפילו פון זייערע אינטימע לעבענס, א שטייגער, ווען א מאן איז געווארען אומטריי צו א פרוי:

— אייך, מיסעס ריווקין, קען מען דאך דערצעהלען — האבען זיי צו איהר זיך געווענדעט. — איהר זיינט א מענש, וואס האט אליין אויך גענוג געליטען.

און בעלא האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ און געשמייכעלט איינגעהאלטען, א וויסענדיגע, און א גערעכטע...

בעלא האט גענומען איבערצומאכען איהר הויז, אז עס זאל זיין מעהר צוגעפאסט צו איהרע ביזנעס. דאס איז געווען איינע פון די עלטערע אפארטמענט-הייזער, וואו די צימערען האבען זיך געלאזט איבערמאכען ווי מען האט געוואלט. פון די דריי צימערען מיט דער קיך, איז איין צימער געבליבען פאר עלינאר'ן, ווי געווען. די ליווינג-רום האט זי איבערגעלאזען פאר באזוכער און געסט, און פון איהר איינענעם געראמען שלאף-צימער, מיט די צוויי פענסטער, האט זי געמאכט א „סאלאן" פאר די ביזנעס איהרע. אויף די ווענט צעהאנגען די דרעסעס צום פארקויפען, מיט א לאנגען שפיגעל, און א טישעלע מיט א פאר ענגלישע זשורנאלען און פרויען-מאדעס. אויך האט זי, אנשטאט איהר איינפאכער בעט, אוועקגעשטעלט א „סטודיא-קאוטש", מיט א סך קאלירטע קישעלאך, און אויף ביינאכט האט זי עס פאנאנדערגענומען און גענוצט פאר א בעט צום שלאפען.

בעלא האט פארמאגט אין זיך א סך נערוועזע ענערגיע. דער אימפעט האט איהר כסדר געטריבען צו עפעס נייעס, און זי האט זיך ניט אפגעשטעלט אויף דעם איצטיגען אופן פון פירען איהרע ביזנעס. נאר זי האט געפלאנט צו האבען א סטאר אן אייגענע, ערגעץ אין הארץ פון מאנהעטען. זי האט שוין אפילו גערעדט וועגען דעם מיט איהרע באקאנטע פרויען. — „עקסקלוזיוו דרעסעס" — וועט זי איהר סטאר אנרופען.

ווער וואלט זיך דאס געגלויבט, אז אין אזא קורצער צייט זאל זי אזוי פיל קענען דערגרייכען? עס איז ניט נאר געווען די געלט וואס די ביזנעס האט איהר אריינגעבראכט. נאר זי האט אנגעהויבען פארנעמען אן ארט אין לעבען. זי האט שוין געקראגען א נאמען. מענשען האבען גענומען איינזעהן אז אין איהר איז פארט עפעס פאראן א כוח. מען האט געגלויבט איהרע גרויסע פעהיגקייטען און אז זי איז ניט קיין געוועהנליכע פרוי.

יע, ווען זי וואלט זיך איננאנצען פארלאזען אויף איהר מאן, וואלט פון איהר גארניט געווארען.

ווי אויף צו'להכעיס האט היינט איהר אלץ נאר אן סעמ'ען דערמאנט. ער איז איהר ניט ארויס פון זינען יענעם זונטאגדיגען טאג. זי איז אריין אין באר-צימער און אין טואלעט-שאפקעלע איז נאך געלעגען זיין ראזיר-געצייג. סעם האט אין א זונטאג אינדערפריה זיך ניט געאיילט און ביים ראזירען זיך האט ער אונטערגעברומט א ניגונדעל.

ווען ער איז געווען גוט איפגעלעגט האט ער א פרעהליכער צו איהר א זאג געטאן:

— דו וועסט נאך זעהן, בעלא, מיר וועלען נאך אמאל אויך ווערען רייך...

— פון וואנען וועט זיך דאס נעמען, א פרייז האט אנגעוואארען? — דערמאנט זיך איצט בעלא, ווי זי פלעגט איהם ענטפערען סארקאסטיש.

סעם שטעהט ביים שאפע מיט זיינע ביכער. ער האט ארויסגענומען א אידישען בוך און זיך פארלייענט שטעהענדיג אזוי, ניט געקענט זיך אפרייסען.

מען וואלט געדארפט אוועקנעמען פון דאנען די שאפע מיט די ביכער זיינע. ס'פארנעמט נאר אן ארט און קיינער לייענט זיי ניט... בעלא'ן האט זיך געגלוסט אלץ איבערבייטען דא, אוועקנעמען אלץ וואס האט איהר דערמאנט אן איהם, אז עס זאל איהר ניט שטעהן אין די אויגען יעדעס מאל.

זי האט זיך ניט ווילענדיג פארקלערט. א האלבען לעבען האבען זיי ביידע אריינגעלעגט אויף אויפבויען זייער היים. און איצט... עס קאן זיין, אז טיף אין הארצען האט בעלא נאך ליב געהאט איהר מאן, נאר אלץ אין איהר איז אזוי איבערגעמיישט געווארען מיט סם און ביטערקייט אנטקעגען איהם, אז זי האט ניט געוואוסט ווי אנצורופען דעם געפיהל, וואס זי האט געהאט צו איהם.

פון די אלע אינפארמאציעס וואס זי האט דורך דער צייט צונויפגעקליבען וועגען איהם, האט זי אויך אזוי פיל געוואוסט, אז ער האט זיך ניט גענומען קיין שטענדיגע געליבטע. כאטש מען האט איהם געזעהן פארברענגען מיט אלערליי פרויען. וואלט ער כאטש קומען צוגעהן אמאל זיך ווייזען פאר איהר, זיך מודה זיין אז ער איז שולדיג און אז ער האט אנטקעגען איהר געהאנדעלט ברוטאל...

לייטע זאגען אויף איהם, אז ער איז א גוטער און אן איידעלער מענש. בעלא האט נאר ביטער צו זיך אליין א שמייכעל געטאן. וואס ווייסען זיי, די אלע מענשען...

יא, ווען עס זאל זיך נאר ווענדען אן איהר, וואלט זי אפילו איהם ניט דערצעהלט פון דער שמחה, אז זייער טאכטער האט געקראגען א התן, נאר זי האט זיך ניט געוואלט אנהויבען מיט עלינאר'ן און אויפרעגען איהר אין אזא ערנסטער מינוט.

***

בעלא האט ניט געוואוסט, אז עלינאר איז שוין געווען ביי איהר טאטען נאך די זעלביגע וואך. זי איז געלאפען איהם אנזאגען די פרעהליכע נייעס, אז זי האט ליב געקראגען א באי און אז ער וועט זיין איהר באשערטער. זי האט געוואוסט ווי איהר טאטע וועט זיך דערפרעהען און ווי גליקליך ער וועט זיין פון דער נייעס. פריהער, אז זיי פלעגען זיך זעהן, האט ער א סך מאל וועגען דעם מיט איהר גערעדט און ער האט אויסגעזעהן א פארזארגטער:

— מיין קינד — פלעגט ער איהר זאגען — איך וואלט שוין וועלען דיך זעהן איינגעארדענט. דו זאלסט קריגען א פיינעם באי און דו זאלסט וואוינען אין דיין אייגענער היים. דעמאלט וועט מיין הארץ זיין רוהיג.

סעם ריווקין האט געוועהטאגט פאר זיין עלינאר'ן. זי איז דאך שוין געווען אין די יאהרען, ווען א מיידעל האט אן אינטערעס אין א בחור, און ער האט מורא געהאט אז זי זאל, חלילה, זיך ניט אויסגליטשען, ניט פארבינדען זיך מיט א בחור וואס זאל זיין ניט צוגעפאסט פאר איהר און זי זאל, חלילה, דארפען ליידען...

עלינאר האט איהר טאטען ניט אלעס דערצעהלט, ווי אזוי עס לעבט זיך איהר. זיי האבען זיך איצט ניט אזוי אפט געזעהן ווי אין די ערשטע צייטען, ווען ער איז אוועק פון דערהיים. נאר ביי עלינאר'ן איז פארבליבען די זעלבע ליבשאפט צו איהר טאטען ווי פריהער. זי האט דאך אלעמאל געשטעלט איהר טאטען זעהר הויך פאר זיין גוט הארץ, און הערפאר וואס ער האט כסדר געלייענט און זיך אינטערעסירט מיט העכערע ענינים. זי האט קיינמאל ניט געוואוסט קלאר וואס פאר א סארט ענינים דאס זיינען. איהר טאטע האט וועגען דעם מיט איהר ווייניג גערעדט... נאר זי האט געוואוסט, אז ער איז פאראינטערעסירט אין זאכען פון א העכערען סארט.

(ווייטערס — מארגען)

# מאסקווע גרייט-צו א נייעם „סטאלין-היטלער אפמאך"

פון לעאן קרישטאל

(שלום פון פעידוש 4, סעקשאן 2)

פליסט זיך שטארק אויסצונעמען ביי די דייטשע נאציאנאליסטען.

סטאלין וויל ווידער א שותפות מיט דייטשלאנד, אבער מיט א פאראייניגטער דייטשלאנד. אויב ער וועט רעדען פון קאמוניזם, וועט עס אפשרעקען די מערהייט פון דער דייטשער באפעלקערונג, באזונדערס די וואס געפינען זיך אין די זאנעס פון אמעריקע, ענגלאנד און פראנקרייך. אויב אבער עס וועט סטאלינ'ען געלינגען זיי צו איבערצייגען, אז די סאוועטען-רעגירונג איז ניט פאראינטערעסירט אין איינצופירען קאמוניזם אין דייטשלאנד און וועט שטיצען דעם דייטשען נאציאנאליזם צוליב א שותפות מיט דייטשלאנד געגען די מערב-עלאים, דאן וועלען די פאלכיסענע דייטשע נאציאנאליסטען אים העלפען אריבערגעווינען די מערהייט דייטשען אויף רוסלאנד'ס צד. אזוי-ארום ערוואַרט מאסקווע צוצובינדען גאנץ דייטשלאנד צו זיך און מיט דער צייט שאפען א נייעם רוסיש-דייטשען בונד געגען די דעמאקראטישע לענדער.

די אויפגאבען פון אמעריקע, ענגלאנד און פראנקרייך אין דייטשלאנד זיינען איצט זעהר שווערע. זיי קענען ניט דערלאזען, אז סטאלינ'ס ווייטגעהענדע פלענער אין באצוג צו דייטשלאנד זאלען פארווירקליכט ווערן. דאס ווירקט, אז די דייטשן, באזונדערס די אינדוסטריאליסטען, זאלען קריגען אלץ מעהר פארלייכטערונגען און פריווילעגיעס. און וואס מעהר פריווילעגיעס אזעלכע דייטשן קריגען, אלץ גרעסער ווערן זייערע אפעטיטען און זייער פאדערונגען. דאס שטארקט דעם באנייטן דייטשען נאציאנאליזם, און אזוי-ארום הויבט דייטשלאנד אן אויף-דאס-ניי ווערען א געפעהרליכע קראפט אין אייראפע און אין דער גאנצער וועלט-פאליטיק.

## פורים פארטי אראנזשירט פון פרויען קלוב ברענטש 33 א. ר.

די יעהרליכע פורים פארטי, אראנזשירט פון פרויען-קלוב פון בר. 33 א. ר. און מענער-ברענטש, וועט פארקומען היינט, זונטאג, דעם 26טען פעברואר, 4 אזייגער ביטאג, אין ראיאל האל, 83 איסט 4טע גאס.

א דינער וועט סערווירט ווערען.

ברענגט מיט אייערע פריינט און באקאנטע. איינטריט $1.50 פער פערזאן.

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

(פאָרטזעצונג פון פרייטאָג)

אין יאהר 1901 האט איבער טאָל־סטאָי'ען אויסגעבראָכען א שטורעם, וואָס האט אויפגערודערט גאַנץ רוס־לאַנד און האט אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט. דער שטורעם האט אויסגעבראָכען איבער דעם, וואָס די רוסישע קירכע האט אויסגעשלאָסען טאָלסטאָי'ען פון איהרע רייהען, דאָס הייסט, זי האט איהם אריינגעלעגט אין חרם.

אין א סך אַנדערע פאַלען, ווען טאָלסטאָי איז אַטאַקירט געוואָרען פון דרויסען, האט סאָניא פאַרגעסען אַלע קריוודעס וואָס זי האט ווען־עס־איז געהאט געגען איהם און האט ניט גע־שפּאָרט קיין ארבייט און מיה איהם צו פאַרטיידיגען.

טראָץ דעם, וואָס זי אליין איז גע־ווען אן אנהענגערין פון דער געוועהנ־ליכער פּראַוואָסלאַוונער קירכע מיט איהרע גלחים און מיט אַלע איהרע פּירונגען, און איז קיינמאָל ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט איהר מאַן אין רעליגיעזע פראַגען, האט זי זיך אָבער מיט גרויס ברען איינגעשטעלט פאַר זיין רעכט צו האָבען זיין אייגענע מיינונג, און האט שאַרף פּראָטעס־טירט געגען דעם חרם.

אין פריהערדיגע פאַלען, ווען ס'איז איהר אויסגעקומען זיך איינצושטעל־לען עפענטליך פאַר איהר מאַן, האט זי דאָס געטאָן אויף אַזאַ פאַרזיכטי־גען שטייגער, אז אין די הויכע פענ־סטער זאָל מען זי ניט קענען פאַרדעכ־טיגען אין געגנערשאַפט צום צאַר און צו זיין רעגירונג. דאָס מאָל, אָבער, איז זי געווען א סך ווייניגער פאָרזיכ־טיג און זי האט געשטורעמט געגען דעם חרם. כאָטש זי האט געוואוסט, אז דער דאָזיגער שריט געגען איהר מאַן איז גענומען געוואָרען מיט'ן ווי־סען פון די העכסטע רעגירונגס־פּי־רער און מיט דער גוטהייסונג פון צאַר אליין.

די רעגירונג האט שוין פריהער גע־האט א סך מאָל באַטראַכט די פראַגע וועגען באַשטראָפען טאָלסטאָי'ען. אין יענע יאָהרען האט נאָך אָבער אַפילו די רוסישע זעלבסט־הערשאַפט געהאט א געוויסען רעספּעקט פאַר דער עפענטליכער מיינונג פון דער וועלט און א געוויסע מורא פאַר דער פאַר־אַכטונג פון דעם אייגענעם פאָלק און האט ניט געוואַגט אנצורירען טאָל־סטאָי'ען פערזענליך. די רעגירונג האט פאַרפאָלגט זיינע אנהענגער, האט פאַרבאָטען צו דרוקען א סך פון זיינע שריפטען, אָבער שרייבען האט זי איהם ניט געשטערט. זיינע פאַרבאָ־טענע ווערק זיינען געוועהנליך ערשי־נען רעגעלמעסיג אין אויסלאַנד, ניט נאָר אין איבערזעצונגען, נאָר אויך אין רוסיש. זיין אנהענגער טשערטקאָוו, וועלכער איז ארויסגעשיקט געוואָרען פון רוסלאַנד אַלס שטראָף פאַר פאַר־שפּרייטען טאָלסטאָי'ס לערע, האט אין ענגלאַנד געגרינדעט א פאַרלאַג, וואָס האט ארויסגעגעבען טאָלסטאָי'ס שריפטען, וועלכע זיינען אין רוסלאַנד געווען פאַרבאָטען. די דאָזיגע פאַרבאָ־טענע שריפטען זיינען דערנאָך אריינ־געשמוגעלט געוואָרען אין פילע טוי־זענטער עקזעמפּלאַרען. די פּאָליציי האט געוועהנליך ארעסטירט און די געריכטען האָבען פאַר'משפּט אַזעלכע וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרען פאַר־שפּרייטענדיג אַזעלכע ווערק פון טאָל־סטאָי'ען, אָבער איהם פערזענליך האט מען אַלץ ניט אנגערירט.

ענדליך האָבען די העכסטע צאַרישע באַאַמטע און די גלחים פאַרלאָרען די געדולד און האָבען באַשלאָסען צו נעמען דעם שריט וואָס האט, לויט זייער אויסרעכענונג, געדאַרפט פאַר־שוואַרצען טאָלסטאָי'ס פּנים אין די אויגען פון די גרויסע מאַסען פון רו־סישען פאָלק. זיי האָבען באַשלאָסען איהם אויסצושליסען פון דער קירכע — אריינצולעגען איהם אין חרם אריין.

דאָס איז ניט געווען קיין פּלוצים־דיגער איינפאַל.

נאָך מיט 12 יאָהר פריהער, — אין יאָהר 1888, — האָבען הויכגעשטעל־טע גלחים אויפגענומען די פראַגע וועגען אויסשליסען טאָלסטאָי'ען פון דער קירכע אַלס שטראָף פאַר זיין אַפּיקורסות. די רעגירונג אָבער איז געווען געגען, ווייל גראַד זיינען אין דער רעגירונג געזעסען מענשען, וואָס האָבען פאַרשטאַנען, אז דורך אַזאַ האַנדלונג וועלען זיי נאָך מעהר פּאָפּו־לער מאַכען טאָלסטאָי'ען און זיין לערע.

אין יאָהר 1899, ווען אין זשורנאַל „ניוואַ" האט זיך אנגעהויבען דרוקען טאָלסטאָי'ס ראָמאַן „וואָסקרעסעניע" (תחית המתים), אין וועלכען ער דעקט אויף אויף פאַלשקייטען פון גלחים און דער קירכע, האט דער כאַרקאָווער מיטראָפּאָליט אַמוורָאָסי פאָרגעשלאָ־גען דעם היילינגען סינאָד, אז טאָל־סטאָי זאָל אריינגעלעגט ווערען אין חרם, אָבער זיין פאָרשלאַג איז דע־מאָלט ניט אנגענומען געוואָרען. מיט א יאָהר שפּעטער, אין יאָהר 1899, האט דער פּעטערבורגער מיטראָפּאָליט אַנטאָני געמאַכט דעם סינאָד א באַשי־דענעם פאָרשלאַג — אנצונעמען א באַשלוס, אז ווען טאָלסטאָי וועט שטאַרבען זאָל מען ניט טאָרען זאָגען קיין תפילות פאַר זיין נשמה, סיידען ער וועט פאַר'ן טויט חרטה האָבען און זיך אָפּטרייסלען פון זיין אַפּיקורסות.

אין יאָהר 1901, אין סאַמע אנהויב פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, וואָס האט געזאָלט זיין דער אויפגע־קלערטסטער און נאָבעלסטער יאָהרהונ־דערט פון דער מענשליכער געשיכטע, האט די רוסישע מאַכט ענדליך באַשלאָסען צו פּראָקלאַמירען געגען טאָלסטאָי'ען א רעליגיעזען חרם.

ס'איז ניט געווען באַקאַנט וואָס פאַר א ווערק פון טאָלסטאָי'ען האט געגע־בען דער רעגירונג דעם לעצטען שטויס. גיכער פון אַלץ איז דער חרם־באַשלוס געווען א רעזולטאַט פון כעס אויף טאָלסטאָי'ען, וואָס האט זיך אין די רעגירונגס־קרייזען אנגעזאַמעלט אין פאַרלויף פון יאָהרען.

אין די לעצטע פאַר יאָהר פאַר'ן חרם, האט טאָלסטאָי אנגעשריבען עט־ליכע זאַכע, מערסטענס אַרטיקלען, אין וועלכע ער איז ארויסגעטראָטען זעהר שאַרף ניט נאָר געגען דער רעגירונג און געגען דער קירכע, נאָר געגען דער גאַנצער אָרדנונג, אויף וועלכער די רעגירונג און די קירכע האָבען זיך געהאַלטען.

אין 1901 זיינען איבער גאַנץ רוס־לאַנד אין געהיים פאַרשפּרייט געוואָ־רען טאָלסטאָי'ס צוויי אַרטיקלען גע־געגן דער קירכע און איהרע גלחים, וואָס ער האט געשריבען אין דער פאָרם פון בריף אַלס ענטפערס צו אן ארבייטער, וועלכער האט זיך גע־ווענדעט צו איהם נאָך אויפקלערונג. מיט א יאָהר פריהער האט ער אנגע־שריבען א פייערדיגען אַרטיקעל, „שקלאַפעריי פון אונזער צייט", וואָס איז געווען אן אַטאַקע געגען דער גאַנ־צער עקאָנאָמישער סיסטעם פון עקס־פּלואַטאַציע.

דער־דאָזיגער אַרטיקעל איז איינער פון די מערקווירדיגסטע זאַכען וואָס טאָלסטאָי האט ווען־עס־איז געשרי־בען וועגען די פראַגען פון קאַפּיטאַל, ארבייט, רעגירונג און עקספּלואַטא־ציע. ער האט דערמיט נאָך מעהר אויפגעבראַכט געגען זיך די הערשענ־דע קרייזען פון רוסלאַנד.

אויפ'ן געדאַנק אנצושרייבען דעם אַרטיקעל „שקלאַפעריי פון אונזער צייט" איז טאָלסטאָי געקומען דורך דעם, וואָס אן ארבייטער האט איהם דערצעהלט, אז ער איז אנגעשטעלט אַלס א טרעגער ביים אנלאָדען פראַכט אויף דער באַהן, און אז ער און אַנ־דערע זיינען געצוואונגען צו אַרבייטען צו 36 שטונדען נאָכאַנאַנד. דאָס האט אויף טאָלסטאָי'ען געמאַכט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, אז ער האט זיך באַלד גענומען אונטערזוכען די אַר־בייטס־באַדינגונגען אויף די באַהנען און אין רוסישע פאַבריקען. דער רע־זולטאַט פון דער אונטערזוכונג איז געווען דער אַרטיקעל „שקלאַפעריי פון אונזער צייט".

אין די טעג, וואָס ער האט אויף דעם אַרטיקעל געאַרבייט, האט טאָל־סטאָי ביי זיך אין טאָג־בוך פאַרשריבען א געדאַנק וואָס באַשטעהט אין פאָל־גענדען: ווען עס איז אָפּגעשאַפט גע־וואָרען לייב־אייגענטום, זיינען די פּויערים אין דער אמת'ן נישט באַ־פרייט געוואָרען; עס איז נאָר איינ־געפיהרט געוואָרען א שקלאַפעריי פון אן אַנדער פאָרם. דאָס אָרימע פאָלק האט אַלץ געמוזט אַרבייטען פאַר די רייכע און איז געווען ביי זיי אין די הענט נישט ווייניגער ווי אונטער לייב־אייגענטום. דערפון האט טאָלסטאָי געצייגען א שלום וואָס קלינגט היינט ווי א נבואה. ער האט געזאָגט, אז דאָס זעלבע וועט געשעהן ווען עס וועט געמאַכט ווערען א רעוואָלוציע. דאָס פאָלק, — האט ער ערקלערט — וועט אַלץ נישט באַפרייט ווערען און וועט נאָר ארונטערפאַלען אונטער דער הער־שאַפט פון נייע אונטערדריקער. זיין אויספיהר דערפון איז געווען אַן אַנאַר־כיסטישער — אז קיין רעגירונג, וואָס האַלט זיך אויף מאַכט, קאָן נישט זיין גוט און אז די וועלט קאָן ניט ווערען בעסער דורך ענדערונגען אין רעגי־רונגס־פאָרמען, נאָר בלויז דורך דעם וואָס מענשען אליין זאָלען ווערען בעסער.

די מאַכטהאָבער אין רוסלאַנד האָבען אנגעהויבען פיהלען, אז זיי מוזען עפּעס טאָן געגען טאָלסטאָי'ן, ווערעמס איינפלוס האט געהאַלטען אין איין וואַקסען. אין יענעם יאָהר האָבען זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ רוסלאַנד סטודענטישע אומרוהען. די סטודענ־טען פון מאָסקווער, פּעטערבורגער, קיעווער און אַנדערע אוניווערזיטעטען האָבען געסטרייקט איבער דעם וואָס די פּאָליציי האט זיי פאַרבאָטען צו האָבען פאַרזאַמלונגען און פיהרען דיס־קוסיעס. אין תוך אַריין זיינען דאָס נישט געווען קיין רעוואָלוציאָנערע סטרייקס, כאָטש אין די רייהען פון די סטודענטען זיינען געווען א סך רעוואָ־לוציאָנער־געשטימטע יונגעלייט. די רעגירונג האט אָבער אַזעלכע סטרייקס באַטראַכט פאַר זעהר געפעהרליך. די סטרייקענדיגע סטודענטען האָבען זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט טאָל־סטאָי'ן. ער האט אויף זיין אייגענעם שטייגער זיי געלויבט און דערמוטיגט פאַר שטעלען זיך געגען אונטערדריי־קונג פון פרייהייט.

די כוואַליע פון די סטודענטישע סטרייקס האט זיך באַזונדערס פאַר־שפּרייט און איז געוואַקסען אין רוס־לאַנד נאָכדעם ווי די רעגירונג האט פאַרשיקט סטודענטען פון דעם קיעווער אוניווערזיטעט צו דינען אין מיליטער אַלס שטראָף דערפאַר וואָס זיי האָבען זיך אנטזאָגט אויפצוגעבען זייער סטרייק. טאָלסטאָי האט אָפען אויס־געדריקט זיין מיטגעפיהל און דערמוטיגונג צו די סטודענטען און האט ספּעציעל פּראָטעסטירט געגען שלעפּען מיט געוואַלד אין דער אַרמיי.

דאָס איז געווען דער מאָמענט, וועל־כען די רעגירונג האט אויסגעקליבען פאַר דער קירכע'ס חרם אויף טאָל־סטאָי'ען.

אונטער דער אנפירערשאַפט פון פּאָ־בעדאָנאָסצעוו'ן, דעם הויפּט פון היי־ליגען סינאָד, און אויף דער אָפיציע־לער אויפפאָדערונג פון פּעטערבורגער מיטראָפּאָליט אַנטאָני, האט דער „היי־ליגער ראַט" פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע אנגענומען דעם באַשלוס צו פּראָקלאַמירען דעם חרם, דעם 24טען פעברואַר, 1901, אין א זונטאָג, האט דער סינאָד פאַרעפענטליכט איבער גאַנץ רוסלאַנד די חרם־ערקלערונג אונ־טער וועלכער עס זיינען געווען אונ־טערגעשריבען זיבען מיטראָפּאָליטען — די העכסטע 7 גלחים פון דער רוסישער פּראַוואָסלאַוונער קירכע.

(ווייטערס מיטוואָך)



#### די שטורעמדיגסטע יאָרען פון טאָלסטאָי'ס פאַמי־ליען־לעבען. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראָמאַן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.

פון לעאָן קרישטאַל

---

# פון פאָלק צו פאָלק

## אַ גערעכטע טענה

ווערטהער רעדאַקטאָר!

איך און מיין פרוי זיינען אַלטע לעזער פון „פאָרווערטס". איך בין 70 יאָהר אַלט, און בין אויך אַלד עידזיש פענשאַן. מיין פרוי איז אויף רעליף. מיר זיינען זעהר קראַנקע מענשען מיט שוואַכע הערצער, דאַיאַבעטיקער און מיט נאָך אַנדערע קרענק. מיר קריגען פיר ספּעשעל דאַיעטס. מיר קומען קוים־קוים אוים אום צו דערהאַלטען זיך ביים לעבען. אַזוי ווי איהר ווייסט, האָבען זיי לעצ־טענס אונז ארונטערגענומען צעהן דאָ־לאַר. פרעג איך אייך: ווי קומט מען אוים? אַזוי ווי איהר זייט די גרעסטע אידישע צייטונג דענק איך, אז איהר דאַרפט דאָס ניט פאַרשווייגען; אז אין דער צייט, וואָס זיי, די שטאַט־טאַטעס, האָבען זיך אַלע געריזיט זייערע ווע־דזשעס אין די שווערע טויזענטער, האָ־בען זיי ארונטערגעריסען פון די קראַנ־קע, אומגליקליכע מענשען די פאַר דאָ־לאַר, וואָס זיי קומען קוים־קוים אוים. איך האָף, אז איהר וועט עפּעס טאָן פאַר אונז.

אייער שטענדיגער לעזער
ס. ה.,
ברוקלין, נ. י.

---

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאָר געדענקט גוט די צייטען, ווען דער טאַטע איז נאָך געווען אין דער־היים און ווי אין אָוונט פלעגען קומען צו איהם זיינע פריינט. עס פלעגען זיך אנהויבען היציגע דעבאַטעס וועגען אידישקייט־פראַגען, וועגען סאָ־ציאַליזם אָדער וועגען פּאָליטיק. עלי־נאָר פלעגט דעמאָלט זיצען ביים פענס־טער מיט א בוך אין האַנט און זי האט ליב געהאַט צו הערען זייערע היציגע רייה, זעהן די פלאַטערדיגע הענט אין דער לופטען. זי האט קוים געקענט כאַ־פּען דעם געדאַנק פון זייער שמועס, נאָר גיכער מיט'ן חוש האט זי דער־פיהלט אז זיי רעדען פון וויכטיגע זאַכען.

האט זי פון'ם טאַטען איהרען גע־האט א הויכע מיינונג. און די מאַמע איהרע איז גאַר געווען פון אן אַנדער סאָרט. דאָך האט זי ניט איינמאָל זיך געפרעגט: פאַרוואָס קענען זיי ניט לעבען צוזאַמען? עס לעבען דאָך מאַן־און־ווייב גוט צווישען זיך מיט די פאַר־שיידענסטע נאַטורען. און עלינאָר האט אין האַרצען נאָך אַלץ געהאָפט, אז — „סאָם דעי" — עס וועט נאָך קומען א צייט, ווען זיי וועלען זיך צונויפקומען צוריק, און עס וועט ווידער זיין א לעבען ווי עס דאַרף צו זיין.

וועגען סעם ריוווקין'ען האט מען גע־קענט זאָגען, אז ער איז איצט געווען רוהיגער ווי אין די צייטען ווען ער האט געלעבט מיט בעלאַ'ן, זיין ווייב. אַזוי ווי עס ווערט אָפּגעשניטען אן לע־בעדיגער נערוו און מען פיהלט שוין מעהר ניט דעם וועהטאָג, אַזוי איז איצט געווען מיט סעמ'ען זינט ער האט איבערגעריסען מיט זיין פריהערדיגען לעבען און ער איז אוועק פון דערהיים.

די פּראָבלעם פון זיין אינטימען לע־בען איז ניט געווען געלייזט. עס איז נאָר אָפּגעשטופּט געוואָרען אן א זייט. ער האט געזעהן אין לעבען ווי מאַן און ווייב צושיידען זיך; זיי האָבען חתונה יעדערער מיט אן אַנדער פּאַר; מענשען קריגען זיך געליבטע. פאַר איהם, פאַר סעמ'ען, זיינען נאָך געווען א סך מעגליכקייטען, נאָר דערווייל איז איהם גרינגער געווען גאָרניט צו טראַכ־טען פון דעם.

אַזוי זיינען געלאָפען די טעג מיט די חדשים. דער טאָג איז ביי איהם אוועקגעגאַנגען ביי דער אַרבייט אין שאַפּ, און אין די אָוונטען האט ער זיך געזעהן מיט מענשען. עס זיינען שטענדיג געווען די מיטינגען פון זיין יוניאָן, די צוזאַמענקונפטען פון די לאַנדסלייט. סעם האט נאָך אַלץ גע־וואוינט אין זיין צימער ביי זיין פריינט מעקס בערעזשעווסקי אין שטוב, און מעקס'עס ווייב, סערע, איז דאָך געווען א גוטע נשמה, און זי האט סעמ'ען צו־געזעהן מיט'ן עסען און מיט אַלץ וואָס זי האט נאָר געקענט.

אין די אָוונטען זיינען צו מעקס'ן אין דערהיים אַלעמאָל געקומען מענ־שען, פריינט און לאַנדסלייט. מעקס איז דאָך געווען דער סעקרעטאַר פון פאַראיין ביי די לאַנדסלייט. און זינט סעם ריוווקין איז געקומען אהער דאָ וואוינען, האָבען מענשען ליב געהאַט צו ווענדען זיך מיט א פראַגע גיכער צו סעם ריוווקין ווי צו מעקס'ן, ווייל סעם האט כסדר געלייענט צייטונגען און ביכער און עס האט זיך אנגעזאַ־מעלט ביי איהם א סך וויסען. און ער האט געקענט פונאַנדערגעכען א פראַ־גע פּשוט און קלאָר, ווי אויף דער לאַ־דאָנע. און מענשען האָבען ליב גע־האט צו פאַררופען זיך אויף איהם. און ווען זיי האָבען זיך וועגען עפּעס גע־שפּאַרט, האָבען זיי באַלד צו איהם זיך געווענדעט:

— שאַ, מען קען דאָך פרעגען ביי סעם ריוווקין'ען...

זיינע פריינט, סעמ'ס, האָבען ניט איינמאָל איהם געגעבען אנצוהערען, אז ער האט געקענט גרינג ווערען א פירער אין א יוניאָן, אָדער ערגעץ אין אן אַנדער אָרגאַניזאַציע. סעם אָבער האט נאָר צוגעשמייכעלט אויף דעם און ער האט געזאָגט:

— איך האַלט נאָך ניט דערביי. אפשר, אַמאָל... מיר'ן זעהן...

ער האט זיך ניט געיאָגט צו דער־גרייכען אין די הויכע פענסטער, סעם...

אין יענעם טאָג, ווען עלינאָר איז געלאָפען אנזאָגען איהר טאַטען וועגען די גוטע נייעס פון איהר מיט לאַרי'ן, איז זי אריינגעפאַלען צו מעקס בערע־זאָווסקי'ן אין שטוב פונקט דעמאָלט, ווען דאָרט זיינען געווען א סך מענ־שען, און סעם ריוווקין, איהר טאַטע, האט געהאַלטען אין מיטען רעדען ווע־גען א פּאַרוויקעלטער פראַגע אין די יוניאָן־אנגעלעגענהייטען. ווען סעם האט דערזעהן זיין טאָכטער, האט ער איבערגעלאָזען אַלץ און אַלעמען און ער איז באַלד צו איהר צוגעגאַנגען.

— קום, עלינאָר, צו מיר אין צימער, וועלען מיר רעדען — האט ער איהר אנגענומען פאַר דער האַנט און אריינ־געפיהרט איהר צו זיך. שוין לאַנג אז סעם האט זיין טאָכטער ניט געזעהן און ער האט זיך מיט איהר זעהר גע־פרעהט.

— נו, זעץ זיך, עלינאָר; דערצעהל, וואָס מאַכסטו? דו קוקסט היינט אוים גוט... — האט ער מיט ליבשאַפט זיך איינגעקוקט אין זיין טאָכטער'ס אויפ־געלעבטען פּנים.

עלינאָר האט עפּעס ניט געקענט מיט אַמאָל ארויספּלאַצען מיט דער נייעס, וואָס זי איז געקומען דעם טאַ־טען דערצעהלען.

— איך האָב דיך אָפּגעריסען פון א וויכטיגען מיטינג, פּאַ.

— זיי ניט קיין קינד! וואָס איז דען ביי מיר וויכטיגער ווי דו אליין?

סעם איז נאָך געווען א צעוואָרעמ־טער פון דער דיסקוסיע, וואָס ער האט אָקאָרשט געהאַט מיט זיינע פריינט. און עלינאָר האט בשום אופן ניט גע־קענט אנהויבען צו דערצעהלען איהם צוליב וואָס זי איז געקומען. און גאָר־ניט זאָגען איהם האט זי אויך ניט גע־קענט, האט זי אנגעהויבען עפּעס ווי ניט־ווילענדיג:

— איך האָב עפּעס א נייעס פאַר דיר, פּאַ, אָבער מיר וועלען דאָס אָפּ־לעגען אפשר אויף אן אַנדערש מאָל. איצט קען איך ניט...

— ניין, זאָג מיר איצט — האט סעם אנגעכאַפּט זיין טאָכטער פאַר ביידע הענט. — פאַר וואָס עפּעס אָפּלעגען אויף אן אַנדער מאָל?

— עס איז וועגען א באַי, וואָס איך האָב זיך מיט איהם באַקענט, און... — איהר איז שווער געווען ווייטער צו רעדען. סעם האט געזעהן אין איהר פּנים, אז זי איז שעמעוודיג און ערנסט אין דער זעלבער צייט. ער איז אליין געוואָרען שטאַרק אויפגערודערט און אהן אָטעם ארויסגערעדט:

— א באַי; א חתן, אפשר?

עלינאָר האט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ. זי איז צוגעפאַלען צום טאַטען און איהם ארומגענומען. און סעם האט פון איבעראַשונג גאָר ניט געקענט רעדען.

— אַן אַנדערש מאָל, פּאַ, וועל איך קומען. איך פיהל איצט ניט ווי צו רעדען מעהר פון דעם.

סעם האט אריינגעקוקט אין זיין עלינאָר'ן מיט פאַרלאָפענע אויגען. ער האט ניט אָפּגעלאָזען זיין טאָכטער ביז זי האט געמוזט אין קורצע ווערטער איהם דערצעהלען ווער און וואָס פאַר א בחור לאַרי איז. און זי האט איהם געדאַרפט צוזאָגען צו קומען ווידער אינגיכען, אז זיי זאָלען קענען מעהר ארומרעדען וועגען דעם גאַנצען ענין.

געהענדיג פון איהר טאַטען צו זיך אהיים, איז עלינאָר געווען טיף פאַר־טראַכט. איהר טאַטע וועט געוויס ווע־לען זיך זעהן מיט לאַרי'ן, אנקוקען איהם, רעדען מיט איהם. איהר טאַטע וועט דאַרפען באַגעגענען לאַרי'ן ניט ביי זיך אין דערהיים, נאָר ביי פרעמדע מענשען. ווי וועט לאַרי פיהלען וועגען דעם?

„אַה, ס'זיינען דאָ נאָך אַזעלכע מייד־לעך אין דער וועלט, וועלכע האָבען ניט קיין ריכטיגע היים; איך בין ניט די איינציגע".

אַזוי האט עלינאָר זיך אליין איינגע־רוהיגט, טראַכטענדיג פון דעם.

(ווייטערס — מאָרגען)

---

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

## עלפטער קאַפּיטעל.

— אייב, פאַרוואָס זעהט מען דיך ניט אַזאַ לאַנגע צייט ! — האָט עלינאָר אַ פרעהליכע אויסגערופען הויך אויפ'ן קול, ווען זי האָט באַגעגענט אין גאַס אייב גאָרדאָנ'ען, דעם סטודענט און דעם גוטען פריינט איהרען.

— איך האָב קיין צייט ניט ! — האָט אייב געמאַכט אַ באַוועגונג אַוועקצוגעהן.

— אַה, אייב, קום, מיר וועלען אביסעל שמועסען. איך וועל דיר עפּעס דערצעהלען.

—אַן אַנדערש מאָל. איך בין איצט זעהר פאַרנומען ! — האָט ער זיך אָפּגעקערט און ער איז אַוועק.

מאָרנע, אייב גאָרדאָן, איר בעסטער פריינט פון אַלע יאָהרען. זי האָט איהם, דעם ערשטען, געדאַרפט דערצעהלען פון דער געשעהעניש, פון איהר ליבע מיט לאַרי'ן, נאָר עס האָט זיך אַלץ ניט געמאַכט קיין געלעגענהייט פאַר דעם, און איצט האָט ער זיך ניט געוואָלט אָפּשטעלען מיט איהר ; ער איז אַנטלאָפען.

ער איז אין כעס, אייב, און ער מיידט איהר אוים. זאָל דאָס זיין, ווייל זי האָט איהם נאָך ביז איצט גאָרניט געפּרואווט צו זעהן ? זי האָט שוין גע־האַט אינגאַנצען פאַרגעסען אַן איהם, אַן אייב'ן, איהר בעסטען פריינט, וועל־כער איז אַלעמאָל געווען מיט איהר, ווען עס איז איהר געווען שלעכט. נאָר בײ עלינאָר'ן איז איצט ניט געווען קיין צייט איבערצוטראַכטען און צו זאָר־גען וועגען עפּעס.

ניט־ווילענדיג האָט זי געפּרואווט איצט מאַכען אין געדאַנק אַ פאַרגלייך צווישען אייב'ן און לאַרי'ן : אייב, דער צוריקגעצויגענער, מיט זיינע האַמעט־נע פּירונגען ; און לאַרי, דער ענערגי־שער, דער זיכערער מיט זיך, אַ „ריעל מען" — אַ מאַן. אַנטקעגען איהם האָבען אַלע בחורים אויסגעזעהן נאָר ווי אינגלעך ביי איהר אין די אויגען.

עס איז איהר געקומען אויפ'ן זינען מילטאָן, דער פרעהליכער און פאַרשיי־טער יונג, מיט וועמען ס'איז שיער ניט געוואָרען אַ ליבע צווישען איהם און איהר. לאַרי איז אַנדערש ווי זיי אַלע. ער איז ניט אַזוי איינגעהאַלטען — טרוקען, ווי אייב, און אויך ניט אַזוי קלינגענדיג — אויבענאויפיג, ווי מיל־טאָן. הערענדיג מילטאָנ'ען רעדען, האָט זיך איהר אַמאָל געדוכט, ווי ער איז גרייט געווען פאַר איהר צו געהן אין פייער און אין וואַסער, אָבער אין דער אמת'ן איז ער געווען פוסט און ער איז גאָר ניט פעהיג געווען ליב צו האָבען שטאַרק.

און לאַרי איז אַ פּערזענליכקייט. ער איז ניט דער מענש, וואָס וואַרפט זיך מיט ווערטער. ער איז אויפריכטיג, און אמת'דיג, און צערטליך אין זיין ליבע. ער ברענגט מיט זיך לייכטען געמיט און זיכערקייט, און קיינמאָל וועט ער זיך ניט בייטען.

עלינאָר האָט געהאַט אַ געפיהל, ווי אַז ביז לאַרי'ן איז גאָרניט געווען. איהר לעבען איז געווען אויסגעליידיגט און פוסט, און איצט האָט עס געקראָגען אַן אנהאַלט. אין זייער פּראַזומרטער שטוב האָט איצט אַ נייע לופט אריינ־געווייעט, און מען האָט איצט דאָרט אָפּט געקענט הערען עלינאָר'ס פרעה־ליכע שטימע און איהר פולען און פרייען געלעכטער, ווען זי האָט גערעדט צו איהר מאַמען.

אין יענעם טאָג, ווען זי האָט אייבי'ן באַגעגענט, איז זי אריינגעפאַלען אין שטוב אַן אויפגעמונטערטע און זי האָט עס באַלד איהר מאַמען דערצעהלט.

— מאַ, איך האָב איצט אַנגעטראָ־פען אייבי'ן אין גאַס.

— דו האָסט איהם דערצעהלט ? ער ווייסט אַז דו ביזט „ענגעידזשד" צו אַ באַי ?

— ניין. ער איז געווען ביזי און ער איז באַלד אַנטלאָפען ערגעץ.

— „פּור באַי" — האָט בעלאַ אי־בערגערעדט, וויסענדיג ווי שטאַרק אייב האָט ליב געהאַט עלינאָר'ן, און זי, בעלאַ, האָט שוין אפילו געטראַכט אַמאָל, אַז עס וואָלט געווען אַ גוטער שידוך צווישען עלינאָר'ן און איהם.

— קום אהער, מאַ, גיב מיר אַ קוש !

— האָט עלינאָר זיך אַ פּיעסטשע גע־טאָן פאַר איהר מאַמען, ווי זי פלעגט עס איצט אָפט טאָן, און בעלאַ איז צו־געגאַנגען און אַ קוש געטאָן איהר טאָכ־טער אין ביידע באַקען.

— דו ביזט אַזוי צעווילדעוועט די לעצטע צייט, עלינאָר. איך וואָלט שוין וועלען דערלעבען דעם טאָג, ווען ביי דיר וועט זיין די חתונה מיט לאַרי'ן.

— אַה, מאַדהער, מיר איז אַזוי גוט

— איז עלינאָר אַרויפגעפאַלען איהר מאַמען אויפ'ן האַלז. אין יענע טעג איז זי אַרומגעגאַנגען ווי אין חלום און איהר האָט זיך געגלוסט פון גאָר־ניט טראַכטען, נאָר זיצען מיט צוגע־מאַכטע אויגען און פיהלען אַז ער איז דאָ, לאַרי, און אַז ער איז איבער אַלץ. זי איז דעמאָלט געווען צוגעשטילט און איינגערוהיגט, און איהר קערפּער האָט זיך געפיהלט גרינג, ווי נאָר אַוועק־צופליהען אין דער לופטען.

עס איז ביי עלינאָר'ן איצט ניט געווען קיין צייט פאַר אומעט און פאַר קיין איבערטראַכטענישען. יעדער טאָג האָט איהר געבראַכט נייע פרייד ; און אין די טעג וואָס זי איז געווען אין דער היים, אין אַ שבת צי אין אַ זונ־טאַג, האָט זי ערשטע געקענט אינ־גאַנצען זיך אָפּגעבען מיט איהר פרייד.

זי האָט דעמאָלט ליב געהאַט אין די פריהמאָרגענס צו ליגען אין בעט האַלב־וואַך, מיט די אויגען צוגעמאַכט, און פון גאָרניט טראַכטען, נאָר פיה־לען נאָך אין אַלע גלידער דעם זיסען ציטער פון אַן אָוונט אַ פאַרבראַכ־טען מיט לאַרי'ן, און פון דעם גליק וואָס עס דאַרף נאָך קומען. דער טע־לעפאָן האָט זיך צעקלונגען און זי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון בעט און, נאָך אין איהר נאַכט־העמד, איז זי דורכ־געלאָפען דעם קאָרידאָר ווי אַ ווינטער, אַ כאַפּ געטאָן דאָס טרייבעל פונ'ם טעלעפאָן :

— העלאָ, לאַרי !

זיי האָבען באַשטעלט אַ „דעיט" זיך צו זעהן אויף היינט אָוונט, און עלינאָר האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זיך איהר פריהמאָרגען־קלייד. זי האָט אַ גיכען קוק געגעבען אויף זיך אין שפּי־געל און זי איז אַריין צו איהר מאַמען אין קיך.

— מאַ, וואָס פאַר אַ דרעס זאָל איך היינט אָנטאָן ? — האָט זי פאַר איהר מאַמען זיך אַ פּיעסטשע געטאָן. און בעלאַ האָט גאָרניט געזאָגט, נאָר צו־געשמייכעלט, ווייל זי האָט געוואוסט אַז זי וועט איהר סאַי־ווי ניט פאָלגען ווען עס קומט צום אָנטאָן זיך, ווייל איהר טאָכטער האָט איהר אייגענעם געשמאַק.

עלינאָר האָט ליב געהאַט שעהנע זאַכען. פון דעם געלט וואָס זי האָט פאַרדינט לערנענדיג אין סקול האָט זי זיך יערעס מאָל געקויפט אַ מאָדישע קלייד, אַ היטעלע. זי איז געווען דריי־סטער ווי אַ סך אַנדערע מיידלעך אין באַנוצען אַ נייעם „סטאַיל" אין אַ קלייד. נאָר יעדעס מאָל האָט עס גע־מוזט זיין מיט אַ צוגאָב פון איהר איי־גענעם גוסט. און קיינמאָל איז זי ניט געווען אַנגעטאָן ווי דער „מאָב", ווי אַלע...

און אַז זי איז געלאָפען באַגעגענען זיך מיט לאַרי'ן, האָט זי געוואוסט אַז עס וועט איהם געפעלען. ער האָט צוגעזשמורעט זיינע שוואַרצע, קלוגע אויגען און ער האָט זיך איינגעקוקט אין איהר אַ לאַנגע ווייל׳ע מיט אַנט־ציקונג :

— היינט ביסטו ווידער אַ נייע, עלינאָר, — האָט ער איהר געזאָגט — נאָר אַ שענערע ווי דעם לעצטען מאָל ווען כ'האָב דיך געזעהן.

און עלינאָר האָט פאַרגעניגענד אים אַנטקעגען געשמייכעלט.

זיי האָבען זיך באַגעגענט, אַמאָל אין פּאַרק, אַמאָל אין אַ לאָבי פון אַ טעאַ־טער און אַמאָל ביי עלינאָר'ס חבר'טע מאַרטהאַ, וואָס איז שוין איצט געווען פאַרהייראַט און זי האָט געוואוינט פאַר זיך אין אַן אייגענער דירה. עלי־נאָר איז איצט געווען פול אויסגעפּילט מיט נייעם אינטערעס און יעדע מינוט האָט זי געפיהלט אין זיך וויברירען די פרייד און לוסט פון לעבען.

צי דאָס איז געווען אין אַ וואָכעדי־גען פריהמאָרגען, ווען זי האָט זיך גע־איילט אין סקול, אָדער מיט די קינ־דער אין קלאַס, ווען זיי האָבען איהר ניט געפאָלגט און ניט געוואָלט צו־הערען זיך צו איהר לעקציע, האָט זי אַלץ אויפגענומען גרינג. די פריער־דיגע אומרוהיגקייט איהרע איז אַוועק, די ניט־זיכערקייט, וואָס זי האָט אָפט אין זיך געפיהלט, איז פאַרגעסען גע־וואָרען. אַ נייע עלינאָר איז דאָס געווען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# ענגלאַנד נאָך די וואַהלען

(שלוס פון עדיטאָריעל פּעידזש)

טעם פון היינטיגען סאָציאַליזם. און ער האָט ביי די וואַהלען געהערט גע־נוי, וואָס די געגנער האָבען געגען לעיבאָר געזאָגט. אַלע אַרגומענטען, אַלע באַווייזע געגען „סאָציאַליזם", אַלע פעהלערען פון דער לעיבאָר רעגי־רונג, — וועגען „ביוראָקראַטיזם", „אומפרייהייט" און אַזוי ווייטער — דאָס אַלץ איז געזאָגט און געשריבען געוואָרען טויזענטער מאָל אין דעם וואַהל־קאַמפּעין.

און אויב ער שטימט פונדעסטוועגען פאַר לעיבאָר, ווי העכער 13 מי־ליאָן אַנדערע ענגלישע מענער און פרויען (באַלעבאָסטעס) האָבען עס געטאָן, האָט דאָך געמוזט זיין עפּעס, וואָס האָט זיי דערצו געשטויסען. וואָס איז דאָס געווען ?

* * *

דער דורכשניטליכער ענגלישער אַר־ביטער, קליינער באַאַמטער, פּשוט'ער פאָלקס־מענש האָט פון זיין לאַנגער פּאָליטישער ערפאַרונג גענוג קענטע־ניש און פאַרשטאַנד פאַר פּאָליטישע זאַכען. ער איז זעלטען היסטעריש, ער פאַלט ניט אַריין ניט אין יאוש און ניט אין „ציגענע התפעלות". ער האָט אין לויף פון כמעט פינף יאָהר גע־זעהן ווי ערליך, אויפריכטיג און מוטיג די לעיבאָר־רעגירונג באַמיט זיך צו פאַרטרעטען און פאַרטיידיגען זיינע אינטערעסען אין אַלעם וואָס זי טוט. זי האָט ניט געגעבען גענוג צו עסען און עס האָט אויסגעפעלט פלייש און פּוטער, מילך און אייער — אָבער זי האָט ערליך צוגעגעבען און ערקלערט פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. זי האָט ניט געשפּילט קיין דעמאַגאָגיע, צוזאָגענדיג דאָס „טעלערעל פון הימעל" ! — אָבער דערפאַר האָט זי ניט דערלאָזען, אַז די רייכע זאָלען קענען פירען אַ לעבען פון לוקסוס, ווען די מאַסען האָבען געמוזט לעבען אין דוחק : דער רייכער האָט דאָרט געגעסען ניט אַ סך אַנ־דערש ווי דער אַרבייטער. דאָס גאַנצע פאָלק האָט געמוזט פירען אַ באַשיי־דענע, ספּאַרטאַנישע עקזיסטענץ. און די רעגירונג האָט ניט געשאַפען קיין שום פּריווילעגיעס פאַר איהרע אייגע־נע מיטגלידער און הויכע באַאַמטע. עס האָט געהערשט גלייכהייט פון נויט און ערליכקייט, אָהן אַ „שוואַר־צען מאַרק", אָהן הוליאַנקעס פאַר די פּריווילעגירטע.

און אין דער זעלבער צייט וואָס די ערוואַקסענע האָבען אַלע געהאַט פאַר־ציעס עסען, האָט מען די עופה'לער, די קליינע קינדער און די שול־קינדער געגעבען אַלץ, וואָס זייערע יונגע אָר־גאַניזמען האָבען געדאַרפט האָבען צו בלייבען געזונט און קענען וואַקסען : מילך, אייער, ברויט, פּרוכט, וויטאַ־מינען, פעטס. עס האָט אויסגעפעלט שטאָף פאַר קליידער און העמדער, אָבער פאַר ווינדעלעך און קינדערשע זאַכען האָט מען געגעבען וויפיל עס איז געווען נויטיג.

אַ גרויסע ראָלע האָט אויך גע־שפּילט די „סאָציאַליזאַציע" פון מעדי־ציניש ער הילף : זי האָט געגעבען דעם אָרימען אַרבייטער אַזאַ מעדיצי־נישע באַדינונג, וואָס פריהער האָט עס געקאָנט „אָפּאָרדען" נאָר אַ גביר.

ביי די וואַהלען פון 1945 האָט די לעיבאָר־פּאַרטי געמאָלדען, אַז זי וועט דורכפירען אַ רייע נאַציאָנאַליזאַציעס, כדי צו פאַרבעסערן דאָס אָפּגעשטאַ־נענע עקאָנאָמישע לעבען, פאַרבעסערן די אינדוסטריע און באַזונדערס מאָ־דערניזירען די טראַדיציאָנעלע ענגלי־שע אינדוסטריע — די קוילען־גרובען. די דאָזיגע אַלע צוזאָגען האָט די לעיבאָר־פּאַרטי דורכגעפירט. און אויב זי האָט דערביי געמאַכט פעלערען — האָט זי די דאָזיגע פעלערען ערליך צוגעגעבען, און האָט אַלעמאָל געזאָגט דעם פאָלק דעם פולען אמת, ניט אויס־באַהאַלטענדיג קיין זאַך. דער מי־ניסטער שינוועל, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר ניט אַננעמען די נויטיגע מיטלען מיט'ן קוילען־קריזיס אין ווינטער 1947-1948, האָט געמוזט אַוועק פון זיין אַמט. ווען דער מיניסטער יו. דאַלטאָן האָט אויסגע־זאָגט עפּעס אַ קליינעם סוד אַ קאָרעס־פּאָנדענט, וואָס פון דעם איז קיין שום אומגליק ניט אַרויס — האָט מען איהם באַזייטיגט פון זיין אַמט, און ער האָט אַליין ערליך צוגעגעבען זיין קליינעם פעלער. ווען אַן אַנדער הויכער באַאַמטער פון דער לעיבאָר־פּאַרטי האָט אונפאָרזיכטיג געשענקט צופיל פריינדשאַפט צו אַ ספּעקולאַנט, האָט מען איהם באַזייטיגט, הגם קיינע שום אונגעזעצליכע זאַכען האָט ער ניט אָפּגעטאָן.

דאָס איז געווען אַן ערליכע און אידעאַליסטישע אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט געהאַט אין זינען ניט „ביזנעס" אָדער „רזשאָבס" פאַר דער פּאַרטיי אָדער פאַר די „סימפּאַטייזערס", נאָר דאָס וואוילזיין פון פּשוט'ען פאָלק — פון אַרבייטער און קליינעם מענשען. און דאָס איז געווען אַ פעהיגע אַד־מיניסטראַציע, ניט געקוקט אויף דעם וואָס אייניגע מיניסטאָרען זיינען ניט געווען אַזוי גלענצענד, ווי זיי האָבען געזאָלט זיין. סטעפאָרד קריפּס האָט זיך אַרויסגעוויזען ווי אַ טאַלאַנטירטער אָרגאַניזאַטאָר פון אינדוסטריע און פי־נאַנצען, און קיין שום אַנדער פּאַרטיי וואָלט ניט געקענט מאַכען בעסער.

נאָך מעהר : נאָר די לעיבאָר־פּאַרטי — און נאָר זי אַליין — האָט געקענט אַזויפיל אויפטאָן אין רעקאָנסטרוקטי־ווער אַרבייט. נאָר זי איז פעהיג געווען בייצוקומען דעם ווידערשטאַנד פון די קוילען־באַראָנען ביים נאַציאָנאַליזירען די מאַינס, און דעם ווידערשטאַנד פון די בענק ביים נאַציאָנאַליזירען די בענק און ענגלאַנד. מען קען זאָגען, אַז אָהן דער לעיבאָר־רעגירונג וואָלט די קוילען־אינדוסטריע געבליבען אין פּריוואַטע הענט, און וואָלט קיינמאָל ניט מאָדערניזירט געוואָרען טעכניש. און די קוילען־אַרבייטער וואָלטען ניט געהאַט קיין חשק צו אַרבייטען און אַ סך וואָלטען אַוועק פון די קוילען־גרובען, און די וואָס וואָלטען געבלי־בען, וואָלטען געסטרייקט אַלע פאַר חדשים. נאָר אַ דאַנק דעם איינפלוס פון דער לעיבאָר־רעגירונג, איז די קוילען־אינדוסטריע געקומען אין אָרד־נונג, און בלויז אַ דאַנק דער מיט־אַרבייט פון דער קוילען־יוניאָן, איז די אינדוסטריע געגאַנגען אַזוי גוט און די פּראָדוקציע האָט געשטיגען.

* * *

דאָס זעלבע איז מיט די אַנדערע אינדוסטריעס. אונטער קיין שום אַנ־דערער רעגירונג וואָלטען די טרעיד־יוניאָנס ניט געהאַט באַשלאָסען צו „פאַרפרירען" די שעה'ן פון אַרבייט און די וועידזשעס פון זייערע אַרבייט־טער. אַ קאָנסערוואַטיווע רעגירונג, וואָס זאָרגט וועגען די פּראָפיטען פון די אונטערנעמער, וואָלט קיינמאָל ניט געהאַט די מאָראַלישע קראַפט צו פאָדערען פון די אַרבייטער, יענע זאָ־לען זיך צופרידענשטעלען מיט די אַלטע וועידזשעס און זאָלען ניט פאַר־לאַנגען קיין „רעיז". און אויב זיי וואָלטען געפאָדערט, וואָלטען זיך די אַרבייטער פון זיי אויסגעלאַכט.

איך מיין דערמיט צו זאָגען, אַז פון ריין־נאַציאָנאַל־בריטישען שטאַנד־פּונקט, אויב מען נאָמינירט אין 1944 אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון פאַכלייט, זיי זאָלען צוטראַכטען די בעסטע רע־גירונג פאַר דער ווידער־אויפלעבונג פון בריטישען עקאָנאָמישען לעבען אויף דעם באַזיס פון דעמאָקראַטיע און יושר — וואָלט די קאָמיסיע ניט געקאָנט געפינען קיין בעסערען וועג, ווי פאָרצושלאָגען אַ רעגירונג פון דער לעיבאָר־פּאַרטי.

און דאָס האָט דאָס פאָלק גוט פאַר־שטאַנען אפילו אָהן עקספּערטען אין זומער 1945. אויך איצט, נאָכ'ן עק־ספּערימענט פון דער לעיבאָר־רעגירונג, האָבען ווידער 13 מיט אַ פערטעל מי־ליאָן בריטישע בירגער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אַ גוטער איינפאַל. לײדער האָבען די קאַפּריזען פון ברי־טישער וואַהל־סיסטעם געווירקט, אַז די מעהרהייט פון דער צאָל דעפּוטאַטען זאָל זיין אַ צו־קליינע פאַר אַ סטאַ־בילער רעגירונג.

איך פערזענליך האַלט, אַז עס וואָלט אפשר געווען גלייכער, אויב די לעיבאָר־פּאַרטי פאַרלירט נאָך אַ פּאָר דעפּוטאַטען, און די קאָנסערוואַטאָרען וואָלטען געמוזט איבערנעמען די רע־גירונג, האָבענדיג אינגאַנצען אַ מער־הייט פון אַ פּאָר שטימען אין אַ פּאַר־לאַמענט מיט 625 דעפּוטאַטען. ווי פאָרזיכטיג און קלוג זיי וואָלטען ניט געהאַנדעלט, וואָלט דאָך די שטרעבונג פון זייערע וועהלער געשטופּט די קאָנ־סערוואַטיווע רעגירונג אַ „קוועטש־טאָן" — ווי שלום עליכם פלעגט זאָ־גען — אויף די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסען. און דאָס וואָלט געהאַט אַ געוואַלטיגע ווירקונג אויף די נעקסטע וואַהלען — אין עט־ליכע חדשים אַרום. די מאַסען וואָלטען דערפיהלט, אַז זייער צייט איז אַוועק, און עס איז ווידער געקומען די הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם און פּראָפיט. דאָס וואָלט געמיינט, אַז ביי די צווייטע וואַהלען וואָלט די לעיבאָר־פּאַרטי ווידער געזיגט מיט אַ גרויסער מעהרהייט.

אָבער דאָס זיינען אַלץ טעאָריעס. פאַקטיש האָבען מיר איצט אַ לעיבאָר־רעגירונג אָהן אַ זיכערער מעהרהייט. עס וועט זיך פאָדערען פון די ענג־לישע אַרבייטער־פירער אַ גרויסע מאָס פון קלוגשאַפט, פאָרזיכטיגקייט און קונסט, כדי איז דער דאָזיגער שווע־רער לאַגע צו געפינען אַ וועג וואָס זאָל זיי ברענגען צוריק צו דער מאַכט אויף אַ פעסטען באַזיס.

# קרובים געזוכט

לעווינסאַ, בראַניאַ, פון סידלעצע, טאָכטער פון וואָלף און חנה, ניט לאַנג אין ניו יאָרק, זוכט קרובים און פריינט.

גמירק, סענדער, פון ביאַליסטאָק, זוהן פון מאיר און לאה, ניט לאַנג אין ניו יאָרק, זוכט קרובים, לאַנדסלייט און פריינט. וועגען די אויבענדערמאָנטע מעלדען אויף דעם אַדרעס:
S. Gwirc c/o Hotel Capitol Hall
166 West 87th Street (R. 511)
New York, N. Y.

ווילענקער, מענדעל, האָט געענדערט נאָמען אויף ווילנער, האַרשיינליך אין פילאַדעלפיע, זוהן פון יוסף און סאָסע, געקומען קיין אַמע־ריקע אַן ערך 1900, געזוכט פון זיין פּלי־מעניק, זיין ברודער לייזער'ס אַ זוהן, איצט אין ניו יאָרק, דער אַדרעס:
M. Wilenker, 730 Sackman Street
Brooklyn, N. Y. Phone: DI 6-2480

יצחק בלומענסאָן, פון פּשעבאָזש, אין לאַנד 42 יאָהר, קומט פון פּוילען.

משה מאיר שטאַפּאַקער, זיין פאָטער איז געווען אַ בוכבינדער. נאָמען פון זיין שטיף־מוטער איז געווען מרים, פאָטער'ס נאָמען— אַנשעל, פון פּוילען.

קאַפּעל גיטקינס, געבוירען אין פּאַבייניץ, געוואוינט אין לאָדוש אויף נאָוואָזאַרזעווסקאַ נום. 1.

די אויבענדערמאָנטע ווערען געזוכט פון הלל ליען, פאָטער האָט געהייסען שכנא, די מוטער —שרה רבקה, ניט לאַנג אין לאַנד. מעלדען אויף זיין אַדרעס:
H. Linn, 7 Young Street
Monticello, N. Y.

## קרובים געזוכט דורך רויטען קרייץ

רייך, פראַנצישקאַ, שטאַמט פון לעמבערג, גאַליציע, עלטערנ'ס נעמען לאַראַ און בער־נאַרד, געזוכט פון קעסלער־גושטין ראַזאַוואַ. באוקון (אָדער בורקון, טאַמאַראַ, שטאַמט פון כאַרבין, עלטערנ'ס נעמען מאַרק און מאַריאַ, ברוקלין. מעהר אינפאָרמאַציע וועגען די אויבענדערמאָנטע ביי:
American National Red Cross
Brooklyn Chapter
57 Willoughby St., Brooklyn, N. Y.
Phone: MA 4-6001, Ext. 191

פישמאַן, לייזער, 38 יאָהר אַלט, זיין פאָטער דוד איז געווען אַ קירזשנער אין ראַוונע, פּוילען, געזוכט פון זיין קרוב מישע מאָוו־שאָוויטש, אין קאַנאַדע. זוכט אויך לאַנדסלייט פון ליבעוונע. מעלדען אויף זיין אַדרעס:
M. Mowsowic, 6650 Papineau Ave.
Montreal, Canada

וואַקסמאַן, דבורה, הייסט איצט סאָלאָמאָן. איהר מאַן האָט אַ זומער־פּלאַץ אַרום ניו־יאָרק, האָט צוויי שוועסטער חנה און מינדעל, געזוכט פון מרס. פּ. טענדלער אין מאָנטרעאַל, שטאַמט פון וואַרשע. מעלדען אויף איהר אַדרעס:
Mrs. P. Tendler, 4461 Esplanade Ave.
Montreal, Canada

פאַמיליע ראָזענפעלד. אין די סטעיטס, שטאַ־מען פון וואַרשע און פון ביאַלאַ ראַווסקאַ, געזוכט פון זייער קרוב פּנחס סאָלניק, מו־טער'ס נאָמען בלומע, מענדעל ראָזענפעלד'ס אַן אייניקעל, ניט לאַנג אין לאַנד. מעלדען אויף זיין אַדרעס:
P. Solnik, 569 Washington St., S.W.
Atlanta, Ga.

ראָזמאַרין, יאַשבע, פון בראַזיליע, זוכט איהר קאָזין גאָלדע ראָזמאַרין, אין די סטעיטס, שטאַמט פון אָסטראָווע לאָבעלסק, פאָטער'ס נאָמען שייע, מוטער'ס—שרה רחל. מעהר אינ־פאָרמאַציע ביי:
M. Braffiblat, 4018 Hampton St.
Elmhurst, L. I., N. Y.

ווייזער, פרומע, אין רוסלאַנד, זוכט איהרע ברידער יונה בער (אַלטער) און הערש ווייזער, געוואוינט אין ניו יאָרק. פאָטער'ס נאָמען מאיר. זוכט אויך איהר שוועסטער הודי און איהר מאַן מר. שומירע, שטאַמען פון זוויהיל. מעהר אינפאָרמאַציע ביי:
Hersh Rosenfeld, 620 W. 149th St.
New York 31, N. Y.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ●●● פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

זי האט אליין געפיהלט ווי זי האט זיך געביטען, זינט זי האט לארי'ן דערקענט. אין איהר איצטיגער פרייד האט זיך שוין ניט געקענט זיין ביטער אנטקעגען מענשען. זי איז פריהער געווען פול מיט אומצוטרוי צו יעדען איינעם, האט אויסגעמיטען די שכנים פון דעם געגענט וואו זי האט גע־וואוינט. איצט האט זיך איהר גע־דוכט ווי די זעלביגע שכנים באגריסען זי מיט איהר גליק. זיי שאקלען־צו מיט'ן קאפ:

— דו ביסט אלראיט, עלינאר. דו האסט אויסגעפיהרט גוט...

ס'איז געווען א מיידעל אין יענעם געגענט, ראזע, וואס עלינאר האט זי געהאסט. זי איז געווען איין עלטער מיט איהר, נאר זי האט געהאלטען, אז ראזע איז נאריש און טעמפ. איצט האט זי זיך געקענט אפשטעלען מיט ראזע'ן און שמועסען א ווייל.

„איט וואס סילי (ס'איז געווען נא־ריש) צו האסען אזוי ראזי'ן. וואס האב איך צו איהר?"

אזוי האט זי איצט געפיהלט, עלי־נאר. ליבע קען אויפטאן וואונדער. איהר גאנג איז געווארען זיכערער, מיט פרייע שפאנען. איהר קערפער האט זיך געפיהלט גרינג. זי האט געקענט שמייכלען צו יעדען מיט מער ווארימקייט ווי ביז איצט.

„פארגעסען דאס שלעכטע און נאר געדענקען דאס גוטע" — האט זיך איהר דערמאנט וואס זי האט ערגעץ געלייענט. און זי האט שוין אפילו צו זיך אליין א לאך געטאן און האט אונטערגע'חוזק'ט פון זיך:

„דו הויבסט שוין אן ווערען צופיל סענטימענטאל, עלינאר..."

א סך פון עלינאר'ס חבר'טעס האָ־בען ניט אויפגעהערט צו ריידען פון דעם וואס עלינאר האט ארייגעקרא־גען דעם בעסטען באי, און ווי מזל'דיג זי איז. עלינאר האט געוואוסט ווי זיי זיינען איהר מקנא. אבער זי האט דאך טיף אין הארצען ביי זיך געהאל־טען, אז מיט עפעס איז זי העכער פון זיי אלעמען, און אז איהר קומט א בעסערער גורל...

ניט אזוי האט עלינאר געפיהלט צו איהר חבר'טע מארטהא'ן. מיט איהר האט זי אלעמאל זיך געפיהלט גרינג. זי איז געווען די איינציגע פאר וועמען עלינאר האט זיך ניט געדארפט פארשטעלען, ווען איהר איז געווען שלעכט—ווייזען אז ס'איז איהר גוט. מארטהא מיט איהר פשוט'ער נאטור, געטריי און מאמעריג, מיט די שמא־לע, שווארצע אויגען, ווי ביי א כינע־זערין, האט אויף עלינאר'ן שטענדיג געווירקט בארוהיגענדיג, ווען זי איז געקומען צו איהר אין א שלעכטער שטימונג.

איצט איז עלינאר געווען אן אפטער גאסט ביי איהר אין שטוב. זיי פלע־גען זיצען באקוועם אויף דער אטא־מאנע און רוהיג שמועסען צווישען זיך:

— איך בין אזוי גליקליך פאר דיר, עלינאר — האט זי גערעדט צו איהר מיט איהר ווארימען קול — דו האסט טאקע גערארפט קריגען אזא וויכטי־גען באי ווי לארי. קיין אנדערער וואלט דיר ניט צופרידענגעשטעלט.

—יא, איך ווייס — האט עלינאר ארויסגערעדט שטיל, מיט א ציטער־דיגען הארצען.

מארטהא האט איצט כסדר זיך גע־פונדעוועט אין איהר נייער באלעבא־טישקייט. זי איז געזעסען און גע־שטריקט א ווייסען, וואלענעם סווע־טערל פאר דעם צוקונפטיגען קינד איהרען וואס וועט דארפען קומען, און מיט איהר רוהיגען קול האט זי גע־רעדט צו עלינאר'ן וועגען דעם, וואס א סך מיידלעך נאך דער חתונה ווייסען ניט ווי אנצוגעהן מיט זייערע מענער. צו קריגען דעם ריכטיגען באי איז שווער; נאר די אמת'ע פראבלעם הויבט זיך ערשט אן נאך דער חתונה, ווען מען הויבט אן צופאסען זיך איינע צו די אנדערע.

— סאם גוירלם מעיק עי מעס און דהעיר לאיווס (א סך מיידלעך רואי־נירען זייערע לעבענס), ווייל זיי ווייסען ניט ווי זיך צו פיהרען.

יא, דו ביזט גערעכט, מארטהא — האט עלינאר געזאגט, און ביי זיך האט זי א טראכט געטאן: „אפשר וויל דאס איהר חבר'טע געבען איהר אנ־צוהערעניש, אז זי זאל וויסען ווי אזוי זי זאל זיך פיהרען מיט לארי'ן נאך דער התונה?"

עלינאר האט אין זיך געשמייכעלט. זי האט א טראכט געטאן, אז מיט איהר וועט זיין אנדערש, און איהר לעבען מיט לארי'ן וועט זיין גאר פון א העכערען און שענערען סארט.

בײדע, עלינאר און לארי, האבען ניט גערעדט נאך וועגען אפשטעלען א טאג, דעם דאטום פון זייער חתונה. עלינאר האט געוואלט אלץ אפשטופען די צייט. לארי ווייסט נאך גארניט וואס פאר א סארט היים ביי איהר איז, אז איהר טאטע און מאמע זיי־נען צושיידט. זי וועט דאס דארפען אלץ לארי'ן דערצעהלען. ווער ווייסט ווי דאס וועט אויף איהם ווירקען? האט זי דערווייל געשוויגען שטיל, און לארי האט געווארט עלינאר זאל איהם רופען צו זיך אהיים באקענען זיך מיט איהר טאטע־מאמע. אויסער דעם איז ער געווען זעהר פארנומען. אז ער האט געענדיגט דעם קאלעדזש, איז ער אריין אין א שפיטאל פאר אן „אינ־טוירן" צו פראקטיצירען מעדיצין און ער האט צו זיין ארבייט זיך אפגע־געבען זעהר ערנסט.

ער האט געדארפט אפרייסען אן אווענט, א שעה, אויף קומען באגע־גענען זיך מיט זיין עלינאר'ן. די טעג זיינען שוין געווען קאלטע, ווינטער־דיגע. עס איז ניט געווען קיין צייט צו באגעגענען זיך אין פארק, נאר עס איז געווען מארטהא'ס אפארטמענט. מארטהא, עלינאר'ס פריינט, האט שוין אזוי אויסגעפירט, אז ווען עלי־נאר מיט לארי'ן האבען זיך געדארפט באגעגענען, איז זי אוועק פון שטוב אינאיינעם מיט איהר מאן ערגעץ פארברענגען און געלאזען די שטוב פאר עלינאר'ן פריי, און עלינאר און לארי האבען דארט געקענט פארברענ־גען אן אווענט אומגעשטערט.

עלינאר איז געוועהנליך געקומען אהער פריהער און אויף לארי'ן גע־ווארט. אין מארטהא'ס צימערען האט זיך געפיהלט א סך געמיטליכקייט און ווארעמקייט. אומעדום ווייכע שטו־לען און סאפקעלאך מיט א סך קאָ־לירטע, אויסגענעהטע קישעלאך. אלץ האט געבלאנקעט פריש און ניי און מיט א סך ליכטיגע קאלירען.

עלינאר אליין איז געגאנגען אנגע־טאן אין א דינע, ווייסע בלוזקע און א קלייד מיט א סך פאלדען ארום דער טאליע. איהר פנים האט געגליהט מיט דער פרייד פון ערוואַרטונג. זי האט זיך ארומגעשארט פון איין צימער אין דעם אנדערען ווי א נאכט־וואנדלעריז, אז זי האט ווי פארגעסען צוליב וואס זי איז געקומען אהער...

אז זי האט דערהערט דעם קלונג פון טיר־גלעקעל, האט זי זיך א צאַ־פעל געטאן. לארי האט געגעבען א קום־אריין פריש פון דער ווינטיגער גאס און עלינאר איז איהם געלאפען אנטקעגען. פון דער שווארצקייט פון זיינע האר און ברעמען, פון זיינע אויגען, פון אלץ אין איהם, האט גע־וועיעט מיט יונגער ענערגיע. עלינאר האט געהאלפען איהם אויסטאן דעם מאנטעל. לארי האט זיך ארומגעקוקט אויף דער געמיטליכקייט פון שטוב.

— ס'איז דא אזוי גוט. וואו איז מארטהא?

— זי איז אוועק מיט איהר מאן. מיר זיינען דא איינע אליין.

— זי האט גוט געטאן וואס זי איז אוועק — האט לארי א לאך געטאן.

— מארטהא איז מיין בעסטע חבר'טע. זי ווייס וואס זי טוט—האט עלינאר אויך געלאכט.

לארי האט צונויפגעצויגען די שווארצע ברעמען און געקוקט מיט אנטציקונג אויף עלינאר'ן ווי שעהן זי האט איצט אויסגעזעהן, אז איהם האט דער אטעם פארכאפט.

— קוק ניט אזוי אויף מיר — האט זי מיט איהר האנט פארשטעלט זיינע אויגען. זי האט ניט געוואוסט וואס צו טאן פון פרייד. זאל זי אנשטעלען די ראדיא און זיי זאלען זיצען און הערען גוטע מוזיק? זי האט א זוך געטאן אין דער שאפקעלע מיט די „רעקארדס". אט איז שטראוס'עס א וואלס.

— דו ווילסט טאנצען, לארי? קום. — האט זי איהם א נעהם געטאן פאר א האנט.

— איך האב שוין לאנג ניט גע־טאנצט — האט ער איהר געזאגט. ער האט מיט זיין האנט ארומגענו־מען איהר טאליע און א ווײלע הא־בען זיי זיך געדרעהט איבער'ן צימער מיט גראציעזע לאנגזאמע טריט, אין טאקט מיט דער מוזיק.

— דו טאנצסט גוט — האט עלי־נאר זיך א טוליע געטאן צו איהם.

דער „רעקארד" האט זיך אפגע־שטעלט פון זיך אליין. עלינאר האט ארויסגערעדט שטיל: „זאל שוין זיין גענוג" — און זי האט אנגעשפארט איהר קאפ אויף זיין ברייטען אקסעל. לארי האט פאר דער האנט איהר צו־געפירט צום סאפקעלע אין ווינקעל, דארט וואו די ליכט איז ניט געווען אזוי העל. איצט זיינען זיי געזעסען א ווײלע שטיל. לארי האט אזוי ווי שטו־דירט יעדע ליניע פון איהר פנים. אין דעם מאטען שיין פון ליכט האט איהר פנים אויסגעקוקט בלייכער. איהרע ברוינע, געלאקטע האר זיינען געפא־לען לענגליך איבער דעם דינעם, גע־טאקטען האלז. זי האט געהאט גאר ווייניג „מעיק־אפ" אויף זיך.

— אזוי האב איך ליב — האט ער איהר א גלעט געטאן איבער די האר און דעם שטערען, האבענדיג אין זי־נען וואס זי איז ניט צופיל אויסגע־פוצט.

(פארטזעצונג מארגען)

## ווען איהר קענט נישט איינשלאפען און פיהלט פארזויערט

פרובירט אט־דעם געשמאקען טשואינג - גאם אפפיר־מיטעל











## וויכטיג צו וויסען וועגען קעיק מיקסעס

אין די לעצטע עטליכע יאהר זיינען זעהר פאפולער געווארען אזעלכע קעיק מיקסעס, וועלכע האבען אין זיך אלע נויטיגע באַ־שטאנדטיילען צו מאכען א קעיק שנעל און גרינג. דיראזינע טיקסעס ווערען געמאכט מיט א שארטענינג, דאכ הייסט, מיט א פעטס.

עס איז זעהר וויכטיג, אז אידישע באלע־באטעס זאלען אכטונג געבען צי דאס דא־זיגע פעטס איז טאק'. א.געמבאר אין אידי־שע היימען. דער פאקט איז, אז אויב עס זאגט זיך ניט אויף דער באקס פון דעם קעיק מיקס, אז עס איז געמאכט מיט א ווערזשע־טעיבעל שארטענינג, קען אין דעם זיין אזא מין פעטס וואס איז ניט געברויכט צו ווערען אין אידישע געבעקס.

א קעיק מיקס וועלכער זאגט אויף דער באקס דאס ער איז יא געמאכט מיט ווערזשע־טעיבעל שארטענינג, איז סוואנס דאון קעיק מיקס. דאס מיינט, אז דער דאזיגער מיקס האט אין זיך ניט קיין שום פעטס פון בעלי חיים, נאר לויטערע פעטסקייט פון ווערזשע־טעיבעלס.

ווען איהר קויפט א קעיק מיקס זייט זי־כער צו קוקען אויף דער באקס און איבער־לייענען צי עס זאגט זיך בלויז, אז עס ענט־האלט א שארטענינג אדער עס האט אין זיך א ווערזשעטעיבעל שארטענינג. ווען איהר וועט קויפען סוואנס דאון קעיק מיקס וועט איהר זיין זיכער, אז דאס איז בלויז ריינע ווערזשעטעיבעל שארטענינג. די דאזיגע אינ־פארמאציע איז וויכטיג צו וויסען. גיט אי־בער אייערע פריינט און שכנות.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— דיינע הענט, לאַרי — האָט עלי־נאָר געזאָגט.

— וואָס איז וועגען מיינע הענט?

זי האָט אָנגענומען זיין האַנט און זי באַטראַכט פון אַלע זייטען.

— זיי זיינען קרעפטיגע הענט. און אין דער זעלבער צייט דין און סענ־סיטיוו אין זייער באַרירונג. זיי זיינען אַזוי ווי געשאַפען פאַר דער איידעלער אַרבייט פאַר אַ דאָקטאָר, אַ כירורג. זיי זיינען...

לאַרי האָט איהר ניט געלאָזען ענ־דיגען. ער האָט איהר צוגעצויגען צו זיך, געצערטעלט איהר און געקושט. די אויפגעוועקטע ליידענשאַפט אין איהר האָט זיך דורכגעריסען דורך איהר שעמעוודיגען בליק פון די האַלב פאַר־מאַכטע אויגען.

לאַרי האָט איהר געוויגט אין זיינע אָרעמס. און ער האָט געפיהלט איהרע גלידער וויברירענדיג דורך איהר דינ־נער, ווייסער בלוזקעלע. זי האָט מיט איהר גאַנצען קערפּער זיך געצויגען צו איהם. אַן אויסגעבענקטע נאָך צערט־ליכקייטען און לאַסקעס.

אַזוי זיינען געלאָפען די מינוטען און די שעה'ען, דאָ אין דער געמיטליכער, אויסגעוואַרימטער היים פון עלינאָר'ס חבר'טע. מאַרטאַ האָט אָנגעגרייט גוּ־טע זאַכען, שאָקאָלאַד און אַלערליי „קענדי", וואָס זיינען געשטאַנען לע־בען זיי אויף אַ טישעלע און זיי האָבען פון דעם פאַרזוכט פון צייט צו צייט. ביי לאַרי'ן זיינען די געדאַנקען געווען אַ ביסעל פאַרוואָלקענט. נאָר דער געפיהל פון אחריות איז געווען אין איהם גרוים. ער, דער שטאַרקערער פון איהר דאַרף פאַר עלינאָר'ן זיך זאָרגען. ער האָט אַזוי ווי געזאָגט צו זיך:

„עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פאַר אַ גרעסערער נאָנטקייט צווישען זיי..."

— נו, און איצט מוז איך שוין געהן אַהיים. זעה ווי שפּעט עס איז שוין — האָט ער אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערעל. עלינאָר האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, וואָס איז גע־לעגען אָנגעשפּאַרט אויף זיין אַקסעל און געעפענט די אויגען:

— נאָך איין קוש, לאַרי — האָט זי זיך אַ ציה געטאָן צו איהם, און ביידע האָבען זיך אויפגעהויבען פון אַטאָמאַ־נע. לאַרי האָט ווי געוואָלט איהר מעהרער פאַנאַנדערוועקען צו דער ווירקליכקייט און ער האָט זיך אָפּגערי־סען:

— דו דאַרפסט דאָך אויך מאָרגען פריה אויפשטעהן, ניט אַזוי, עלינאָר?

— יעס, לאַרי, — האָט זי אַרויסגע־רעדט ווי אַ שילערין אַנטקעגען אַ שטרענגען לערער. זי האָט אויסגע־גלייכט איהר קלייד. זי האָט אויפגע־הויבען די הענט און אויסגעגלעט איהר האָר פאַר'ן שפּיגעל.

— מאַרטאַ און איהר מאַן וועלען שוין געווים באַלד אָנקומען. דו ווילסט וואַרטען אויף זיי, לאַרי? — האָט זי אַזוי ווי געפּרואווט איהם נאָך אַ ווייַ־לע פאַרהאַלטען.

— ניין, אַן אַנדערש מאָל וועל איך זיי זעהן. איצט איז שוין צו שפּעט.

ער האָט אָנגעטאָן זיין מאַנטעל און דעם הוט. עלינאָר איז געשטאַנען און איהם נאָכגעקוקט.

— טו זיך אָן, עלינאָר, וועל איך דיר צופירען צו דיר אַהיים.

— איך וועל דאָ בלייבען נעכטיגען. איך האָב אַזוי אָפּגערעדט מיט מאַר־טהאַ'ן.

זיי האָבען זיך געזעגענט מיט נאָך איין לעצטען קוש פאַר זיין אַוועקגעהן.

— גוד נאַיט, עלינאָר.

— גוד נאַיט, לאַרי.

## צוועלפטער קאַפּיטעל

לאַרי פינקעל, דער פעהיגער און ענערגישער בחור, איז ניט געווען פון די מענשען, וואָס זאָלען פאַרלירען דעם קאָפּ ווען זיי זיינען פאַרליבט. ער האָט דאָס לערנען און זיין אַרבייט אין שפּיטאָל ניט פאַרנאַכלעסיגט. נאָר פאַרקערט — ער האָט נאָך מיט מעהר ענערגיע און מוט זיך אָפּגעגעבען צו זיין אַרבייט. און מיט זיכערע טריט איז ער געגאַנגען צו זיין ציל — צו ענדיגען די עטליכע יאָהר אין שפּיטאָל זייענדיג אַ „אינטוירן" און דערנאָך עפענען אַ דאָקטאָר־אָפיס.

לאַרי איז געווען אַ זוהן פון אָרימע טאַטע־מאַמע, ביידע שוין ווייט אין די מיטעלע יאָהרען. זיין טאַטע, ניי־טען פינקעלשטיין, איז אין די אינגערע יאָהרען געווען אַן אַפּרעיטער אין אַ שאַפּ. ער איז דעמאָלט געווען אַן איינ־רייסער, געאַרבייט איבער דער צייט און ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסעל געלט. איצט האָט ער געהאַט אַ קלי־נינג און פּרעסינג סטאָר אין דעם ווייטען ברוקלין. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער דאַרף נאָך איצט שווערער אַרבייטען ווי אין שאַפּ.

אַזוי ווי זיין טאַטע, דער איינרייַ־סער אַמאָל אין שאַפּ, אַזוי האָט לאַרי, דער זוהן, געלערענט ביטאָג און ביי־נאַכט און ער האָט איבערגעשטיגען אין וויסען אַלעמען פון די שילער אין זיין קלאַס. און ער האָט געענדיגט יעדען טערמין מיט אויסצייכענונגען און „סקאָלערשיפּס". ער האָט פון זיין פריהער יוגענט אָן אַרויסגעוויזען גוטע פעהיגקייטען און אַ שאַרפען קאָפּ, און ער איז געווען אַ מתמיד אין לערנען. און איצט איז ער שוין געווען אויפ'ן וועג פון ערפאָלג. און אַלע וואָס האָ־בען איהם געקענט האָבען וועגען איהם געזאָגט: „הי מעיק גוד" — ער האָט גוט אויסגעפירט.

דער טאַטע לאַרי'ס, נייטען פינקעל־שטיין, אַז ער האָט גערעדט מיט אַ מענשען וועגען זיין זוהן, האָט ער אויפגעהויבען אין דער לופטען אַ האַנט, ווי צו באַווייזען ווי גרויס זיין זוהן איז:

— מיין לייבעלע! פרעגט ניט... ער איז שוין אַלראַיט... און זיינע רויטליכע מידע אויגען האָבען זיך צו־ליכטיגט.

נייטען פינקעלשטיין האָט געהאַט נאָך קינדער, וואָס האָבען אויך שטו־דירט אין די קאַלעדזשעס. נאָר לאַרי איז אַזוי ווי געווען די קרוין פון זיי אַלעמען.

לאַרי'ס מאַמע איז געגאַנגען אין טראַט מיט איהר מאַן. ער אין זיין סטאָר און זי אין דער היים. גאָלדע איז איהר נאָמען געווען. זי איז געווען אַביסעל ווייניגער אָפּגענוצט פון איהר מאַן און זי האָט געהאַט מעהר דעה אין שטוב און מיט די קינדער. און אַז עס איז געקומען צו רייד וועגען אַ שידוך פאַר איהר זוהן, איז זי געווען זעהר שטאָלץ און קיין איין מיידעל איז ניט צו גוט געווען פאַר איהר.

— אַ דאגה אַ שידוך? — פלעגט זי רעדען צו איהרע באַקאַנטע פרויען מיט גאווה — מען שלאָגט פשוט אָפּ די שוועלען פון בעלנים... נאָר מיין לאַרי איילט זיך ניט.

ביז עלינאָר'ן איז לאַרי קיינמאָל ניט געווען פאַרליבט. ער איז ניט געווען שעמעוודיג מיט מיידלעך און ער האָט געהאַט אַן אינטערעס אין פרויען, ווי אַלע אַנדערע בחורים פון זיין עלטער. אין שפּיטאָל, וואו ער האָט געאַרבייט, האָבען די יונגע סטודענטען זיך אַמאָל ערלויבט אַ גרינגען „פלוירט" מיט אַ נוירס. אַזוי אויך איז געווען מיט לאַרי'ן. נאָר ער איז ניט געווען ווי אַ סך אַנדערע סטודענטען, וואָס זיי לאָ־זען וואַרטען דעם פּאַציענט, און דער־ווייל פאַרפירען זיי אַ פרעהליכען שמועס מיט אַ נוירס. לאַרי האָט נאָר אין געכאַפּטע מינוטען, צווישען איין אַרבייט און אַן אַנדערע, זיך ערלויבט אַ שפּאַס, און אַמאָל אויך אַ גרינגען „פלוירט" מיט איינער פון די נוירסעס.

די יונגע מיידלעך דאָ אין שפּיטאָל האָבען איהם ליב געהאַט, לאַרי'ן, פאַר זיין קלוגען קוק פון די שוואַרצע איי־גען און פאַר זיין ערנסטקייט. נאָר זיי האָבען געוואוסט, אַז ער וועט ניט חתונה האָבען מיט קיין אָרימע מיי־דעל. ער וועט געווים טאָן „אַ גוטען שידוך" — מיט געלט.

לאַרי אַליין, אַז ער האָט אַמאָל אַ טראַכט געטאָן וועגען זיין צוקונפט, האָט זיך איהם אויך פאַרגעשטעלט אין געדאַנק, אַז אַלץ וועט ביי איהם זיין מיט אַ גרויסען פאַרנעם. ער וועט עפענען אַן אָפיס ערגעץ אויף פּאַרק עוועניו, אָדער גאָר אויף ריווערסאַיד דראַיוו. ער האָט זיך געגרייט פאַר אַ האַרץ־ספּעציאַליסט, און ער וועט געווים האָבען די אַלע נויטיגע מאַשי־נעס, און נוירסעס און אַלץ־מיט־אַנאַנ־דער.

נאָר ער האָט זיך ניט געאיילט. זיין אַרבייט אין שפּיטאָל האָט אויסגעפילט די גאַנצע טעג זיינע און אַמאָל אויך די אָוונטען, און עס איז ניט געווען קיין סך צייט צו טראַכטען וואָס שפּע־טער וועט זיין.

לאַרי האָט אויך געקענט אַ סך מייד־לעך פון זיין אייגענער, גרויסער משפחה, פון דער מאַמע'ס צד און פון דעם טאַטענ'ס. אַז עס האָט זיך גע־מאַכט אַ תנאים צי אַ חתונה האָט ער אויך ליב געהאַט צו קומען צו דער שמחה.

איז געווען צווישען די פילע מייד־לעך איינע אַ ליליען, וואָס אַלע האָבען וועגען איהר געזאָגט, אַז זי וואָלט געווען זעהר צוגעפּאַסט פאַר אַ פּאָר מיט לאַרי'ן. ליליען איז געווען זעהר אַ שעהן מיידעל, אַ בלאָנדינקע, מיט אַ פולען, אויסגערונדיגטען פּנים און בלויע, רוהיגע אויגען, מיט פולע, רויטע ליפּען און אַ הויכע, פולען בוזעם. אַלץ אין איהר איז געווען פול, אייסגערונדיגט, און איהר זעהר ווייַ־סער לייב האָט אַזוי ווי אַרויסגעשוימט דורך דעם אויסשניט פון איהר קלייד ביים האַלז.

איהר טאַטע־מאַמע זיינען געווען אַמאָל, פון דער היים, באַלעבאַטישע מענשען, און זיי האָבען דאָ אין לאַנד אַרויפגעאַרבייט זיך אין ביזנעס און זיי וואָלטען געקענט אַ סך אויפטאָן אין אַרויסהעלפען לאַרי'ן, אַז די צייט וועט קומען צו עפענען פאַר איהם אַן אָפיס. אַרום און אַרום האָט זיך דאָס אַלעמען אין דער משפחה געלייגט אויפ'ן שכל. און אַז מען איז זיך צונויפגעקומען אויף אַ שמחה, האָט מען זיי ביידען, ליליען און לאַרי'ן, אַלעמאָל געזעהן צוזאַמען פאַרברענגען.

(ווייטערס — מאָרגען)



העלפט בויען הייזער אין ישראל!

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ● ● ● פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

לארי איז אין ליליען ניט געווען פארליבט. אין א שמועס איז זי ניט געווען צו שארף. עס איז נאר גוט געווען אויף איהר צו קוקען. קיינמאל האבען זיי צווישען זיך ניט פארביטען קיין ווארט וועגען חתונה האבען. ער איז אפילו ניט געווארען מיט איהר צופיל נאהענט, לארי. ער האט איהר נאר געהאט אויפ'ן אויג:

„סאמדעי... אפשר..."

ניט אזוי ער, ווי די מאמע לארי'ס. האט אט־די ליליען געהאט אויפ'ן אויג. זי האט דאך געציטערט איבער איהר זוהן, אז ער זאל חלילה ניט אריינפאלען אין שלעכטע הענט. און דאס מיידעל, ליליען, האט זי גוט גע־קענט. איהר טאטע־מאמע זיינען גע־ווען פיינע, באלעבאטישע מענשען. זי האט זיי נאך געקענט פון אמאל אין דער היים. האט זי איצט ניט איינ־מאל שוין געגעבען אנצוהערעניש לא־רי'ן, איהר זוהן:

— א טייער קינד, די ליליען — האט זי איהם געזאגט — אם ירצה השם, אז דו וועסט חתונה האבען מיט מזל, וואלט איך גאר קיין בעסערע מיי־דעל פאר דיר ניט געוואונשען.

— איך האב נאך צייט, מאמע, כ'וועל זעהן — האט איהר לארי יעדעס מאל געענטפערט גוטמוטיג, רוהיג. ער האט זיך ניט געאיילט.

און דא האט עלינאר זיך פאר איהם באוויזען. זי איז אריין אין זיין לעבען, האט פארכאפט זיין הארץ. דאס איז געווען לארי'ס ערשטע ליבע. ביז איצט האט ער גאר קיין אהנונג ניט געהאט אויף וויפיל אמת'ע ליבע קען באַרייכערען א מענשען'ס לעבען. אנ־דערש האט אין זיינע אויגען אויסגע־זעהן עלינאר, ניט ווי די אלע מיידלעך וואס ער האט ביז איצט געקענט. זי איז געווען אויסערגעוויינליך קלוג, און אזוי וואונדערליך אינטערעסאנט. דער אופן פון איהר רעדען און איהרע ענטפערס האבען איהם געוויזען, אז זי איז שארף, אינטעליגענט און אָריגינעל. צו האבען אזא מיידעל פאר א געליבטע, פאר א ווייב... ער האט גאר פון בעסערס קיינמאל ניט גע'חלומ'ט.

לארי האט אלע מאל געהאלטען, אז שעהנקייט אין א פרוי איז ניט גענוג. זי דארף אויך פארמאגען פארשטענ־דעניש, אינטעליגענץ. ער האט ניט ליב געהאט א פרוי א „ליאלקע", וואס איהר גאנצער אינטערעס איז נאר צי פוצען זיך און צו וועלען אויסנעמען ביי די בחורים. עלינאר איז ניט גע־ווען אזא.

ער האט ליב געקראגען איהר פיין, לענגליך פנים מיט דער מאטער בלייכ־קייט, איהר דעליקאטען שטערן, און די כוואליע, געלאקטע האר, פון אזא באזונדערען ברוינעם קאליר, מיט א שימער פון גאלד אין זיי. אין איהרע אויגען האט ער געזעהן אפט דעם שפיל פון געגענזעצליכע געפיהלען, ווי פרייד אדער אומעט, ווען זי איז געווען פון עפעס ענטוזיאסטיש, אדער שטיפע־ריש־טראַציג. אלע מענשליכע איבער־לעבונגען האבען איהרע אויגען געקענט אויסדריקען. זי איז געווען א קאמפ־ליצירטע נאטור, וואס האט גערייצט זיין מענערישע נייגעריגקייט.

מעהר פון אלץ האט איהם גערירט ווען זי, עלינאר, פלעגט זיך פון עפעס פארקלערען, און איהר בליק האט זיך דעמאלט פארצויגען מיט אזא אומעט, וואס אין נאך ביי איהר פארבליבען פון די צייטען, ווען איהר איז נאך געווען שלעכט. ביי לארי'ן איז דע־מאלט געווען א פארלאנג צו פארטריי־בען דעם אומעט פון איהרע אויגען.

— איך וואלט ניט וועלען דיך איצט זעהן אזא, עלינאר — האט ער צערט־ליך צו איהר גערעדט.

— א וועלכע וואלסטו מיר געוואלט זעהן, לארי? — האט זי א שמייכלענ־דיגע ארויפגעקוקט צו איהם, און אנ־געשפארט איהר קאפ אן זיין ברייטען אקסעל. און לארי האט דעמאלט גע־פיהלט ווי ער וואלט זיין גאנצען לע־בען געקענט אוועקגעבען פאר איהר.

מיט אזא מיידעל ווי עלינאר האט מען ניט געקענט פארבינדען זיך נאר אין א לייכטען „פלוירט". ער האט איהר געוואלט האבען ניט נאר פאר א געליבטע, נאר אויך אלס ווייב. און פארגעסען איז דעמאלט געווארען די שעהנע, בלאנדע ליליען, און די אלע אנדערע מיידלעך וואס ער האט גע־קענט. עלינאר, מיט איהר פערזאן, האט אריינגעבראכט מעהר קאליר אין זיין טאג־טעגליכען לעבען, וואס ביז איצט איז עס נאר געווען אויסגעפילט מיט שווערע, ערנסטע ארבייט. דורך איהר האט ער איצט כסדר זיך געפונען אין א געהויבענעם מוט.

לארי איז אין זיין ליבע, ווי אין אלץ, געווען טיף ערנסט און סאליד, אנטשלאסען און זיכער. און אין זיי־נע פלענער פאר דער צוקונפט איז איצט אריינגענומען געווארען עלי־נאר'ס פערזאן. אזא פרוי ווי זי — א „פוירסאנאליטי", א כאראקטער. עס וועט זיין אינטערעסאנט צו ווייזען זיך מיט איהר פאר מענשען. זי וועט זיין אנגעטאן עלעגאנט און זי וועט פירען זיין הויז מיט פארנעם און מיט גוטען געשמאק.

ער וועט זיין מיט איהר איינס ניט נאר קערפערליך, נאר אויך גייסטיג. פאר איהר וועט ער קענען דערצעהלען פון זיינע ערפאלגען אין דער מעדי־ציניש פראפעסיע, פון אלע זיינע אויפטואונגען. זי איז ניט קיין פוסטע קאפ. זי וועט פארשטעהן.

לארי האט איצט נאר געווארט צו באקענען זיך מיט עלינאר'ס טאטע־מאמע. ער האט זיך שוין געוואונ־דערט, ער האט ניט געקענט פאר־שטעהן, פארוואס עלינאר האט אלץ דאס אפגעלייגט אויף שפעטער. ער איז שוין אפילו געווען באאומרוהיגט. און נייגעריג האט ער שוין געווארט אויף דער שעה, אז עלינאר זאל איהם איינלאדען צו איהר אהיים. ער וועט זיך באקענען מיט איהר טאטע־מאמע, און מען וועט אפשטימען דעם טאג ווען עס זאל זיין די חתונה.

---

אין די אווענטען, ווען עלינאר האט ניט געדארפט זיך באגעגענען מיט לא־רי'ן, האט זיך איהר ניט געגלוסט אין ערגעץ געהן, נאר זיצען ביי איהר אין באקוועמען צימערל. עס איז איהר געווען גוט אזוי, נאר צו זיין מיט זיך אליין. די מאמע איז אלע מאל געווען מיט עפעס פארנומען. אדער זי האט געהאט ביי זיך א פרוי, א קליענטין, וואס איז געקומען קויפען א דרעס, אדער זי האט גערעדט מיט איטעצען אין טעלעפאן; אז ניט, האט זי זיך פארנומען מיט איהר באלעבאטישקייט אין שטוב.

עלינאר ביי איהר אין צימער האט ליב געהאט דעמאלט זיצען ביי איהר „דעסק", איבערקוקען די סך פאפירען און בריף, אלערליי; אדער ארויסנע־מען א בוך פון איהר ביכער־שאפקעלע און זיך פארלייענען. דא, אין דעם ציכטיגען, מיידעלשען צימער, איז יעדער ווינקעל איצט ליב געווען. אזוי פיל ביטערע מינוטען פון אויפרעגונג און אנטוישונג האט זי אמאל דא דורכ־געלעבט פון איהר פריהסטער יוגענט אן. דא אין צימער פלעגט זי זיך באַ־האלטען אין די יאהרען ווען איהר טא־טע איז נאך געווען אין דער היים און ער און די מאמע האבען זיך געקריגט און געשריען איינע אויף די אנדערע. און אין איהר שרעק האט זיך איהר דעמאלט געדוכט, אז באלד וועלען נע־מען פונאנדערפאלען די ווענט פון שטוב.

אין מינוטען ווען זי האט זיך גע־פיהלט פארלאזען פון אלעמען, ווען זי האט קיין צוטרוי ניט געהאט צו קיין מענשען, פלעגט זי זיצען פארמאכט דא אין איהר צימער, ווי זי וואלט זיך וועלען אפגרעניצען פון א שלעכטער און פרעמדער וועלט. דאס איז געווען מיט איהר אזוי פריהער, איידער זי האט לארי'ן דערקענט.

איצט האט זי ליב געהאט צו זיצען דא ביים פענסטער. מיט די הענט דעם קאפ אונטערגעשפארט און מיט די אויגען האלב צוגעמאכט, פלעגט זי אין געדאנק אפט אומקערען זיך צוריק צו יענער שעה, ווען זי האט צום ערש־טען לארי'ן געטראפען אין מארטהא'ס הויז, ביי דער פארטי. איהר שמועס מיט לארי'ן, אויפ'ן באלקאן אפגעזונ־דערט פון די געסט... און דער אנהויב פון זייער ליבע. דערנאך דער וואונ־דערליכער אווענט, ווען זיי האבען פאר־בראכט אויף בראדוועי ביי א פאר־שטעלונג אין טעאטער. און שפעטער ווי זיי זיינען אריין אין א רעסטאראן עפעס איבערבייסען, און לארי האט זיך צו איהר איבערגעבויגען איבער'ן טישעל און געגעבען א רעד ארויס:

— דו ווייסט, עלינאר, מיר האבען גאר געדארפט ביידע חתונה האבען.

עלינאר געדענקט אלץ, ווי שפעטער האט לארי איהר אפגעפירט אהיים, און שטעהענדיג שוין לעבען איהר שטוב האט ער געוואלט וויסען איהר ענטפער.

— איך האב דיר ליב, לארי — איז געווען איהר ענטפער — דו ווייסט, אז איך האב דיר ליב. וואס נאך קען איך דיר זאגען?

עלינאר'ן האט זיך איצט געדאכט, אז אלץ האט געפירט צו דעם אז עס זאל פארגיטיגט ווערען פאר אל־דאס־שלעכטע, וואס זי האט דורכגעלעבט אין איהרע גאר יונגע יאהרען, און אז מעהר זאל זי שוין ניט דארפען ליידען.

עס וועט ניט אוועק קיין סך צייט און זי וועט דארפען זיך אפזעגענען מיט אט דעם צימער איהרען און אוועקגעהן וואוינען אליין פאר זיך, מיט לארי'ן. עס האט איהר אפילו באנג געטאן, וואס זי וועט דארפען איבערלאזען אלץ, די מאמע איהרע אויך, און אנהויבען א נייעם לעבען.

געווען מינוטען ווען זי האט גע־לעבט ווי צווישען חלום און וואך. עס איז איהר איצט צו גוט געווען. עס האט זיך איהר אפילו ניט געגלויבט דאס אלץ און זי האט זיך אזש גע־שראקען. אפשר איז דאס נאר א חלום אזא? מינוטען ווען איהר האט זיך געדאכט, אז איהר גליק איז ניט אויף לאנג... אלץ קען נאך ווערען צו־נישט...

(ווייטערס — מארגען)

---

# אין דער וועלט פון חזנים און חזנות

אנגעפירט פון חזן בן־ציון יפה

## פורים — און דער חזן

די וועלט זאגט אפילו, אז פורים איז קיין יום טוב ניט, טראָץ אבער די באמערקונגען, איז פורים יא א יום טוב פאר אונז אידען סיי אין דער אל־טער אמאליגער היים, ווי אויך דא אין אמעריקע. דער חזן, ווידער, האט אויך געהאט וואס צו טאן אין דיזען טאג.

דער שרייבער פון די דאזיגע שורות געדענקט נאך אלס קינד פון דער קליי־נער שטעטעל פון וואנען ער קומט. זייענדיג א משורר ביים חזן, ווי פורים אווענט נאך דער מגילה לייענען, ווי דער חזן האט געזונגען מיט זיין כאר א פרעהליכען „שושנה יעקב" אין דעם אלטען בית־המדרש, און אויף מאר־גען פריה נאך דער מגילה לייענען, אין דעם נייעם בית־המדרש.

ס'איז אויך געווען איינגעפירט, אז דער חזן האט ארויסגעשיקט א געווי־סען אידען (טאדרעס האט ער געהייסען), נאך שלח מנות צו די חשוב'ע באלעבאטים פון דעם שטעטעל, און אזוי האט דער חזן געטאן.

ער אליין האט פארפאסט א שיר אין העברעאיש אין שייכות צו דעם פורים־ט אג, אריינלעגענדיג עס אין א אפענעם קאנווערט, אנשרייבענדיג אויב־ען אויפ'ן קאנווערט יעדען באלע־באס נאמען, מיט דעם זאץ „וישלח מנות איש לרעהו". אט דער איד, טאדרעס, פלעגט איבערגעבען די אפע־נע קאנווערטען צו וועמען ס'האט גע־הערט, און דער באלעבאס האט שוין געטאן דאס זייניגע. ער פלעגט דארט אריינגעבען זיין שלח־מנות, פארקלע־פען דעם קאנווערט, און איבערגעגע־בען עס צו דעם שליח פון חזן. דאס איז געווען א טייל פון דעם חזנ'ס הכנסה.

אויסער דעם פורים, האט דער חזן געדאווענט מיט'ן כאר די אלע פיר שבתים, אנהויבענדיג פון שבת „פרשת שקלים", „פרשת זכור", „פרשת פרה" און „פרשות החודש".

עס זיינען אויך געווען א פאר אי־דען, וועלכע פלעגען זיך פארשטעלען פאר פורים־שפילער, און קלייבען געלט פאר הכנסת־כלה, תלמוד־תורה, פאר ארימע קינדער, צו באקליידען זיי אויף פסח, און פאר ארימע פאמיליעס, נויטבאדערפטיגע. מיט איין ווארט, מיט דעם אנהויב פון חודש אדר ביז פסח איז מען געווען „מרבין בשמחה", און מ'האט געפיהלט אז דער פריה־לינג קומט מיט דעם ליבען און טייע־רען יום טוב פסח, פאר וועלכען אלע האבען שוין אויסגעקוקט מיט אפענע אויגען.

---

### א באזאר אונטערנעמונג לטובת דעם בית־החזנים

זונטאג ביזטאג, מארטש דעם 5טען, עפענט זיך פאר'ן פובליק דער באזאר, עפענט זיך אפיציעל פאר'ן פובליק דער באזאר, וועלכער ווערט דאנגע־פירט דורך דער פרויען דיוויזשאן (חזנ'טעס) פון דער אגודת החזנים דאמעריקע וקענעדע, אין דעם בית־החזנים, 236 צווייטע עוו., ניו יארק, וועלכער וועט אנהאלטען ביז דאנערש־טאג, מארטש דעם 9טען.

די טשערלעידי פון באזאר, מרס. לענטשיץ, צוזאמען מיט מיס סיליע דיימאנד, פרעזידענט, און די קאמי־טעס, האבען זעהר ענערגיש געאר־ביים פאר'ן באזאר, וואו זיי האבען אריינגעבראכט פארשיידענע מינים סחורות, וועלכע וועלען פארקויפט ווע־רען דורך דער גאנצער וואך פאר מעהר שפארזאמע פרייזען. יעדערער איז גע־בעטען צו קומען צום באזאר און דורכקוקען די מציאות. אויסער וואס מ'וועט שפארען פיל געלט ביים קוי־פען, וועלען זיי מיט דעם געלט העל־פען דעם בית־החזנים פאר זעהר נויט־ווענדיגע צוועקען. ביזנעסלייט זיינען העפליך געבעטען צו עמפאנגען זייערע קאמיטעס פון דער פרויען־אקזילערי פאר דעם צוועק פאר וועלכען זיי וועלען זיי באזוכען.

* * *

### א טעות אויסבעסערונג

אין שייכות צו דעם עהרען־אווענט, געגעבען צו חזן בן ציון יפה, איז אויסגעלאזט געווארען דער נאמען פון באוואוסטען מוזיקער, מר. יעקב דיי־ווידסאן, וועלכער האט אלע חזנים אקאמפאנירט אויף דער פּוס־הארמאָ־ני. וטעות לעולם חוזר.

### חזן פוקס און חזן שטערנבערג געדאווענט פאר'ן עמוד אין בית החזנים

שבת, פרשת משפטים און שקלים האט געדאווענט אין דער שוהל פון דעם בית־החזנים חזן פוקס. און דעם שבת פון שבת פרשת תרומה און זכור האט געדאווענט חזן שלמה שטערנבערג. ביידע חזנים האבען באגייסטערט דעם עולם מיט זייער וואונדערבארער תפילה און נגינה. די שוהל ווערט וואס א שבת מעהר באזוכט פון דאַ־ווענערס.

ווייטערע נייעס — א צווייטען מאל.

---
























# די באָבע איז געווען אַ גוי׳ישע זיגפילד פאַליס שעהנהייט און איהר אייניקעל רייסט זיך אין אַ ישיבה

(שלום פון פּעידוש 8)

אידישען שפּילער האָט מען "ניט גע־קענט געפינען אפילו פאַר אַ רפואה.

— איך בין יענע יאָהרען געווען דער איינציגער אידישער סאָקער־שפּי־לער אין ברוקלין — האָט מיר נייטען עיגאַר דערצעהלט.

ער האָט זיך גאַנץ פיין איינגעלעבט אין דער גוי׳אישער סביבה. פון צייט צו צייט, אין אַ מאָמענט פון אויפ־רעגונג בעת אַ צוזאַמענשטויס צווישען שפּילער, וואָס קומט־פאָר אַזוי אָפט ביי סאָקער־געיםמס, פלעגט אימיצער מכבד זיין עיגאַר׳ן מיט׳ן ווערטעל „בלאַדי דזשו", אָבער ווייטער ווי דאָס איז ניט געגאַנגען. קיין אַנדערע צרות צוליב זיין אידישקייט איז עיגאַר׳ן ניט אויסגעקומען אויסצושטעהן.

עיגאַר האָט זיך גע׳חבר׳ט מיט די סקאָטישע און ענגלישע סאָקער שפּי־לער. ער האָט אפילו חתונה געהאַט מיט אַ סקאָטישער מיידעל, אַ קריסטין, אידיט ניקאָל, וועלכע איז געווען פון פּרעסביטאַרישען גלויבען. עיגאַר׳ס פרוי איז פאַר דער חתונה געווען אַ שעהנהייט אין די זיגפילד פאָלים און זי האָט נאָך ווייניגער פאַרקערט מיט אידען ווי איהר חתן, נייטען עיגאַר.

פאַר דער חתונה, אָבער, האָט די קריסטין אידיט זיך מגייר געווען. עי־גאַר האָט עס גע׳פּועל׳ט ביי איהר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט מצער זיין ...

סטאַונהעם, און וועלכער האָט געענ־דערט דעם נאָמען פון טים אויף „ניו יאָרק דזשאַיענטס", דערזעלבען נאָמען ווי זיין בעיזבאָל טים, האָט אויך גע־קראָגען אַ אידישען שפּילער פון הכח, זיגי וואַירטמאַן.

עיגאַר׳ס „ברוקלין וואַנדערערס" טים איז געוואָרען דער פּאָפּולערסטער סאָ־קער טים אין ניו יאָרק און האָט גע־נומען ציהען 10־12 טויזענט צושויער צו רעגעלע ליג געימס. די אַנדער ניו יאָרקער טימס האָבען אויך געצויגען צושויער אין די פילע טויזענטער.

סאָקער האָט געהאַלטען אין איין ענטוויקלען זיך און וואָלט געווים גע־וואָרען אַ וויכטיגער ספּאָרט אין ניו יאָרק. איז אָבער אויסגעבראָכען אַ מלחמה צווישען די אייגענטימער פון די פּראָפעסיאָנעלע סאָקער טימס אין דער געזעצגעבערישער קערפּערשאַפט וואָס האָט צו זאָגען איבער׳ן ספּאָרט —די יונאַיטעד סטעיטס פוטבאָל אַסאָ־סיאיישאַן. עס איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. די אַסאָסיאיישאַן האָט אויסגעשלאָסען עיגאַר׳ן און אַ צאָל

אָפּהיטען כשרות און מיר פירען אַ שטרענג כשר׳ע הויז.

עיגאַר׳ס פרוי — ווי ער דערצעהלט — חבר׳ט זיך אויסשליסליך מיט אי־דישע פרויען און זי באַטייליגט זיך אין אַלערליי שוהל־טעטיגקייטען. מיט אַ צייט צוריק, ווען די עיגאַרס האָבען געמופּט פון ברוקלין קיין מידטאַון, האָט זיך נייטען עיגאַר אַנגעשלאָסען אַן דער „שערי תורה" קאָנגרעגעישאַן, אַן אָרטאָדאָקסישע קהלה אויף דער 73טער סטריט. ער איז דאָרט געוואָ־רען טעטיג און מ׳האָט איהם ערוועהלט אַלס אַ גבאי.

נייטען עיגאַר׳ס ניי־געפונענע אי־דישקייט האָט געפונען אַן אויסדרוק ניט בלויז אין פרומקייט אַליין. ער איז אויך געוואָרען אַ הייסער ציוניסט און האָט דאָרט גענומען אַרבייטען פאַר׳ן יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל.

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק איז עיגאַר׳ן איינגעפאַלען אַ געדאַנק צו אָרגאַני־זירען אַן „אַפּאַרטמענט הייזער קאַמי־טע" פאַר׳ן יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל. ער איז געגאַנגען איבער די אַפּאַרט־...



נייטען עיגאַר און זיין פאַמיליע. פון לינקס צו רעכטס זיין זוהן ראָבערט, זיין טאָכטער רוטי, גע־טען עיגאַר, זיין פרוי קריסטין־אידית, די טאָכטער מיריעם און איידעם מעקס סאַמאָן און זייער טאָכ־טער עמילי, וועלכע האָט זיך געלערענט אין דער פלעטבוש ישיבה.

אַנדערע טימס און דער סאָקער ספּאָרט האָט שטאַרק געליטען דערפון.

די סאָקער כ׳חמה האָט זיך פאַרענ־דיגט נאָך אַ פּאָר יאָהר. נייטען עיגאַר איז אָבער געווען אַזוי פאַרביטערט פון ...

מענט הייזער אין פלעטבוש, וואו ער האָט געוואוינט, און האָט אין יעדער הויז אָרגאַניזירט אַ גרופּע שכנים, וועל־כע האָבען גענומען אויף זיך די אויפ־גאַבע צו זעהן די אַנדערע שכנים פון ...

סאַימאָנס אַריינגעגעבען די מיידעלע זייערע אין אַ פּאַבליק סקול.

עיגאַר׳ס אייניקעל רייסט זיך אָבער צוריק אין דער ישיבה. זי פיהלט זיך ניט באַזונדערס היימיש אין דער פּאַב־...

... ציהען אַ גרעסערען עולם, פון עטליכע טויזענט. די שפּילער פלעגען פאַר׳ן שפּילען קריגען גראָשענס. מען פלעגט אַרומגעהן מיט אַ היטעל צווישען די צושויער און קלייבען מטבעות, וואָס די צושויער פלעגען אַריינוואַרפען.

דער באַזוך פון ווינער „הכח" טים האָט אַרויפגעאַרבייט דעם סאָקער־ספּאָרט צו אַ געהויבענער מדרגה. צו די געימס פון „הכח" טים זיינען גע־קומען 40—50 טויזענט צושויער. די מערסטע צושויער זיינען געווען אידען. סאָקער האָט דאַן צוגעקראָגען צענדלי־גער טויזענטער נייע פּאַטריאָטען, וועל־כע האָבען ביז דאַן ניט געוואוסט אפילו מיט וואָס מען עסט עס.

דער סך־הכל איז געווען, אַז די איי־גענטימער פון די ניו יאָרקער סאָקער טימס האָבען זיך געכאַפּט, אַז סאָקער איז אַ „אידישער ספּאָרט". האָבען זיי איינגערעדט די גרעסטע סטאַרס פון ווינער „הכוח", זיי זאָלען נאָכ׳ן שלום פון טור זיך צוריקקערען קיין אַמעריקע און שפּילען אין זייערע טימס. נייטען עיגאַר האָט דאַן אַריינגעקראָגען די הכח־סטאַרס ניופילד, אייגענהאָפּער און נאָך אַ פּאָר אַנדערע אייראָפּעאישע ערשט־קלאַסיגע שפּילער. דער ניו יאָר־קער טים, די „דזשאַיענטס", וואָס האָט שפּעטער געענדערט דעם נאָמען אויף „ניו יאָרק אַמעריקענס", האָט געקראָ־גען די שפּילער ערנאַ שוואַרץ און אוירנסט הייזלער, דעם גאָאַל־קיפּער פעיביען, און נאָך צוויי־דריי. אפילו דער אינדיאַנאַ פלאָרינג טים, וואָס איז אַפּגעקויפט געוואָרען פון׳ם פאַרשטאָר־בענעם בעיזבאָל־מאַגנאַט טשאַרלס ...

... זיך ... און שול, יענע ... איז איך דעמאָלט געוואָרען אינגעריכט ...

— דער קדיש זאָגען האָט מיך דער־נעהענטערט צו אידישקייט — האָט מיר עיגאַר דערצעהלט. — איך האָב אָפּגעהיט דעם קדיש זעהר שטרענג און פלעג קומען יעדען טאָג אין דער נע־הענטסטער שוהל, אין דעם איסט מיד־וואָוד סענטער, און דאָרט דאַווענען.

— ווען איך בין געקומען אין שוהל צום ערשטען מאָל, נאָך שבעה, זאָגען קדיש, האָב איך זיך פאַרשעמט — האָט מר. עיגאַר ווייטער דערצעהלט — איך האָב פאַרגעסען דאָס ביסעל אידישקייט וואָס דער אַלטער איד האָט מיך געלערענט אין שעפילד, און האָב גערדאַרפט זאָגען די תפילה פון ענגלי־שען טעקסט. האָב איך זיך דערפיהלט מאָדנע און אומבאַהאָלפען. אַ פּאָר אַנדערע יתומים האָבען געקענט זאָגען קדיש גלאַט ווי אַ וואַסער. האָב איך באַשלאָסען צו „געהן אין חדר" נאָכ־אַמאָל.

האָט ער געדונגען אַ רבי, וועלכער האָט גענומען קנעלען אידישקייט מיט נייטען עיגאַר׳ס גאַנצער פאַמיליע.

— דער רבי האָט אויסגעלערענט מיין זוהן ווי צו לעגען תפילין און איך האָב ביי איהם אויך גענומען לעַ־סאָנס. אַזוי ווי מיין טאַטע איז געווען אַ כהן, האָט דער רבי אויסגעלערענט מיך און מיין זוהן ווי צו דוכנ׳ען — האָט מיר מר. עיגער דערצעהלט.

— מיין פרוי איז געוואָרען נאָך פרימער פון מיר — דערצעהלט נייטען עיגאַר. — זי האָט גענומען שטרענג ...

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרזעצונג)

עס איז געווען איינגעבוירען אין איהר נאַטור צו צווייפלען. האָבען איצט פון צייט צו צייט גענומען מאַ־טערען איהר די ספקות. אפילו ווען לאַרי האָט שוין ניט איינמאָל דער־מאָנט וועגען זייער צוקונפטיגען צו־זאַמענלעבען, איז זי נאָך אַלץ ניט געווען אין גאַנצען זיכער. עס קען נאָך עפּעס פאָרקומען צווישען איהר און לאַרי׳ן, און ער וועט אויפהערען איהר ליב האָבען, און אַלץ וועט ווע־רען אויס...

אַז זי האָט אַ שטיקעל צייט איהם ניט געזעהן, איז זי שטאַרק צוטראָגען געוואָרען. זי האָט דעמאָלט געפּרואווט מיט אַלע כוחות זיך אַליין איינרוהי־גען:

„ס׳אַרא נאַר דו ביזט דאָס, עלינאָר. גאָרנישט וועט פּאַסירען כיט אַזאַ באַי ווי לאַרי איז". זי האָט אין געדאַנק ...

האָט מיט דיר פּאַסירט. כ׳בין אפילו געווען באַאומרוהיגט.

— אַי עס בער (איך בין שלעכט), לאַרי. דו ווייסט גאָרניט וואָס פאַר אַ סאָרט מיידעל איך בין.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט און איהם אַריינגעקוקט אין די אויגען, שטי־פעריש, טראָציג.

— ניין, איך ווייס טאַקע ניט וואָס פאַר אַ סאָרט מיידעל דו ביזט. מיט דער צייט וועל איך זיך אפשר דער־ווייסען — האָט לאַרי אויך געערדעט אין אַ גרינגען טאָן.

יענעם גאַנצען אָוונט האָט עלינאָר געפיהלט מאָדנע פרעהליך. זיי זיינען געזעסען אין זייער באַליבטען ווינקעל אויף דער אַטאַמאַנע. עלינאָר האָט געזאָגט:

— איך ווייס, איך בין אַ שלעכטע. און דו ביזט גוט. דו ביזט אַזוי אַנ־דערש.

...

עלינאָר אַראָפּגעלאָזען נידעריג דעם קאָפּ.

—דו ווייסט ניט? — האָט ער איהר איצט אָנגעקוקט מאָדנע פאַר־וואונדערט. ער האָט זיך צוגעזעצט צו איהר אויף דער אַטאַמאַנע, אָנגע־נומען איהר פאַר אַ האַנט.

— קוק אויף מיר, עלינאָר. זאָג מיר, פאַרוואָס שווייגסטו? איך וויל ווייסען.

עלינאָר האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין אַקסעל און שטיל אָפּגעענט־פערט:

...

— איך האָב ניט קיין ריכטיג היים, לאַרי.

— וואָס מיינסטו?

— יאָ, ס׳איז אמת — האָט זי אויס־געהויבען צו איהם איהרע אויגען.

— איך פאַרשטעה ניט, עלינאָר. ערקלער דאָס מיר.

— מיין טאַטע־מאַמע זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

— אַה!

— שוין לאַנג. עטליכע יאָהר. איך וואוין נאָר מיט דער מאַמע.

...

— דו זעהסט איהם אָפט?

...

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַמעריקען פעדערעישאַן און לעיבאָר פאַנגט אָן נייע סעריע ראַדיאָ פּראָגראַמען

וואַשינגטאָן. — אַנפאַנגענדיג דעם געשעהענישען פון טאָג. די פּראָגראַ־7טען מערץ וועט די אַמעריקען פעדע־רעישאַן און לעיבאָר איינפירען אַ נייע ראַדיאָ „פּיטשור". די פּיטשור וועט געהן אונטער׳ן נאָמען „אונזער בליק אויף פּאַסירונגען", און וועט געהערט ווערען איבער׳ן גאַנצען לאַנד איבער 130 ראַדיאָ סטאַנציעס.

די פּראָגראַמען וועלען געהערט ווע־רען יעדען דינסטאָג, 10:45 אָוונט, אויף דער אַמעריקען בראָדקעסטינג סיסטעם.

אין די דאָזיגע ראַדיאָ פּראָגראַמען וועט די אַמעריקען פעדערעישאַן און לעיבאָר זיך אָפּרופען אויף אַלערליי וויכטיגע געשעהענישען אין דער אַר־בייטער און פּאָליטישער וועלט.

זיי וועלען, ווי געזאָגט, געהערט ווערען יעדען דינסטאָג, 10:45 אָוונט, פון וואַשינגטאָן. אין די וועכענטליכע בראָדקעסטס וועלען אינטערוויואירט ווערען וויכטיגע נאַציאָנאַלע פיגורען. זיי וועלען דיסקוטירען די וויכטיגסטע מען וועלען אַנגעפירט ווערען פון דעם פּובליסיטי דירעקטאָר פון דער א. פ. און ל.

דער ערשטער וואָס וועט אינטער־וויואירט ווערען דינסטאָג, דעם 7טען מערץ, וועט זיין וויליאַם גרין, פּרעזי־דענט פון דער אַמעריקען פעדערעישאַן און לעיבאָר.

## קלאָקמאַכער רעגיסטראַציע פאַר וואַקעישאַן טשעקס וועלען זיך אָנפאַנגען 20טען מאַרטש

ניו יאָרק. —

העררי קרוגמאַן, מענעדזשער פון דעם העלטה־ און וואַקעישאַן־פאָנד, לאָזט אונז וויסען, אַז אַ בריף איז אַרויסגע־שיקט געוואָרען צו אַלע קלאָוק־טשער־לייט און טשערלעידים אין די שעפּער, אַז די היי־יאָהריגע רעגיסטראַציע פאַר די וואַקעישאַן־טשעקס וועט זיך אָנ־פאַנגען אין יעדען קלאָוק־שאָפּ מאָנ־טאָג, דעם 20טען מאַרטש. ווען די טשערלייט וועלען צוזאַמענקומען די יוניאָן־ביכלער פאַר רעגיסטראַציע.

דער אָפּיס פון העלטה־ און וואַקעי־שאַן־פאָנד מאַכט אויך אויפמערקזאַם, ...

...

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ●●● פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

לארי האט ניט גערעדט מיט רחמנות צו איהר. ער האט ניט גע-זאגט: „פור קיד"; נאר פשוט און נאטירליך האט ער זיך אפגערופען, ווי דאס איז געווען זיין נאטור; ער האט נאך מיט מעהר ווארימקייט און פארשטענדעניש אנגעקוקט עלינאר'ן:

— וועל, דהאט העפענס (יע, עס פאסירען אזעלכע זאכען).

און עלינאר'ן איז מיטאמאל געווא-רען זעהר גרינג. זי האט נאכאמאל איינגעזעהן וואס פאר א וואונדערלי-כער מענש לארי איז. קיינמאל וועט איהר ניט נויטיג זיין עפעס צו ער-קלערען אדער זיך באהאלטען פון אים מיט עפעס. ער פארשטעהט אלץ אליין.

א ווײלע זיינען זיי געזעסען שטיל. עלינאר'ס פנים איז איצט געווען זעהר בלייך און איהרע אויגען האבען גע-גלאנצט פייכט. זי האט ביי איהם גע-פרעגט:

— און דו, לארי? דיין טאטע-מאמע, וואס פאר א סארט מענשען זיינען זיי?

— אה, זיי זיינען איינפאכע, גוטע מענשען. זיי וואוינען — —

ער האט שיער ניט געזאגט: זיי וואוינען צוזאמען... נאר ער האט זיך פארכאפט:

— זיי וואוינען אין ברוקלין. מיין טאטע איז אמאל געווען אן ארבייטער אין א שאפ. איצט האט ער א „קלי-נינג און פרעסינג" סטאר.

— און דיין מאמע? איך האב אזוי מורא איך וועל איהר ניט גע-פעלען.

— וואס פאר א קינד דו ביזט, עלי-נאר. מיין מאמע, זי איז א גוטע נשמה.

אזוי האבען זיי נאך א ווײלע גע-שמועסט און עס איז אפגעמאכט גע-ווארען צווישען זיי, אז לארי זאל קו-מען צו עלינאר'ן אין שטוב אז אווענט פאר סאפער, באקענען זיך מיט איהר מאמען, מיט איהר היים.

## דרייצענטער קאפיטעל

עלינאר האט געגעבען צו וויסען איהר מאמען וועגען איהר באשלום איינצולאדען לארי'ן צו זיי אהיים פאר סאפער. זי האט איהם פארבעטען קומען טאקע דעם קומענדיגען פרייטאג צו נאכט. בעלא איז פון דעם געווען זעהר צופרידען און באלד גענומען גרייטען זיך צום אווענט. אויפצונע-מען ביי זיך אין שטוב איהר צוקונפ-טיגען איידעם. זי איז דעמאלט געווען א היבש ביסעל צוטראגען, און זי האט געוואלט אנגרייטען דאס שענסטע און דאס בעסטע פאר דעם סאפער.

בעלא איז געווען ניט נאר גוט אין פיהרען ביזנעס, נאר זי האט אויך גע-קענט זיין א גוטע באלעבאסטע אין שטוב. מיט א טאג פריער, דאנערש-טאג, האט זי שוין געהאט איינגע-קויפט אלע נויטיגע זאכען און פריי-טאג, באלד אין דער פריה, האט זי זיך געשטעלט צוגרייטען דעם סאפער. אויפ'ן אויוועץ אין קיך האט זיך שוין געקאכט געפילטע פיש און א גוטע טשיקען-זופ, און א גוטען מארט-האט זי שוין געהאט אויסגעבאקען, עס זאל זיין צו דער קאווע.

עלינאר, ווי נאר זי איז געקומען פון סקול, האט זי אנגעטאן א פארטוך און זיך גענומען העלפען דער מאמען אין איהר ארבייט. זי האט זיך געשטעלט הויך אויף א שטול און אראפגענומען פון קיך-שאפקעלע דעם שעהנעם סארט געפעס, טעלער און טעלערלעך און שיסלען. זי האט ארויסגענומען פון א קעסטעלע דעם זילבערנעם גאנג לעפעל, גאפעל און מעסער וואס מ'האט עס זעלטען ווען גענוצט, און זי האט עס אלץ איבערגעוואשען און איבער-געווישט. זי איז געווען אין א גוטער שטימונג, עלינאר. און טועמדיג דאס, האט זי אונטערגעזונגען א מעלאדיע פון דער אפערא „קארמען".

בעלא, הערענדיג איהר טאכטער זינגען, האט ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ. ווי לאנג איז דאס שוין אז די ווענט פון איהר שטוב האבען ניט פארנומען קיין געזאנג? אפילו אין די טעג ווען איהר מאן, סעם, איז נאך געווען אין דער היים, האט זיך דע-מאלט אויך קיינעם ניט געזונגען...

זי איז געשטאנען ביים אויווען, וואו עס האבען זיך געקאכט די פאר-שיידענע טעפ און טעפלעך עסענווארג, און זי האט זיך מיישב געווען מיט איהר טאכטער:

— איך וויים ניט אויב דיין לארי האט ליב די טשיקען צוגעברוינט, אדער אזוי, גלייך פון דער זופ. וואס דענקסטו, עלינאר?

— דו מאכסט שוין א צו-גרויסען וועזען מיט דעם סאפער, מא — האט עלינאר א צופרידענע געשמייכעלט — לארי האט ניט ליב קיין „פענסי" עסענס. וואס דו וועסט איהם געבען וועט זיין גוט.

איצט האבען מאמע און טאכטער גענומען זיך צוקלייבען די ליווינג-רום. זיי האבען ארויסגענומען אלץ, וואס האט געקענט דערמאנען אן בעלא'ס ביזנעס. די צעהאנגענע, פארטיגע דרעסעס, די מאדע-זשורנאלען. זיי האבען אויפגעהאנגען פרישע, ווייסע פארהאנגען אויף די פענסטער, גע-מאכט עס זאל אויסזעהן א ריכטיגע היים. ביידע האבען זיי איינשטימיג געארבייט צו מאכען די אויפנאמע וואס שענער און בעסער.

עס איז שוין געווארען פארנאכט, און עלינאר איז געלאפען זיך וואשען און איבערטאן. זי האט אויסגעקליבען א דרעס פון א גרינעם קאליר, ווייל זי האט געוואוסט אז גרין פאסט איהר צום בעסטען צו איהר מאט-בלייכען פנים. אויפ'ן האלז האט זי אנגעטאן א שנירעל דינינקע פערל. דאס אלץ. קיין שום אנדערע באפוצונגען און ניט קיין צופיל מעיק-אפ. לויט איהר איי-גענעם געשמאק, און אויך ווייל לארי האט ניט ליב געהאט אז מען איז צו-פיל אויסגעפוצט.

לארי האט אנגעקלונגען פונקט צו דער צייט, ווי ס'איז געווען אפגע-רעדט. עלינאר איז געלאפען איהם אנטקעגען. זי האט איהם אריינגע-פיהרט אין ליווינג-רום, וואו בעלא האט שוין אויף איהם געווארט.

— מאדהער, דחיס איז לארי — האט זי נאר געקענט זאגען.

זיי האבען זיך געגריסט. עלינאר האט צוגענומען זיין מאנטעל און דעם הוט. לארי האט געבראכט מיט זיך א קליינעם בוקעט טונקעל-רויטע רויזען, מיט גרינע בלעטעלעך ארום, און עלינאר איז געלאפען און געקראגען פון ערגעץ א וואזעלע און אריינגעשטעלט די בלומען אין דעם און אנגעגאסען מיט וואסער. דערנאך עס אוועקגעשטעלט אין ווינקעל אויף א קליין טישעלע, איין קליינע רויז האט זי ארייגעשטעקט אין איהרע האר.

— ס'איז שעהן. עס פאסט דיר די בלום — האט לארי געזאגט.

ער איז געווען אנגעטאן אין זיין שווארצען אנצוג פון גוטען שניט, מיט דעם שניי-ווייסען קאלנער און דעם פיין-אויסגעבוגרענעם שניפס, און די גערדיכטע, שווארצע האר פארקעמט נעט, אן א זייט, מיט א שרונט. ארום איהם איז ווי אלע מאל געווען די אט-מאספערע פון זיכערקייט און ווירדע.

עס איז גאר קיין פראגע ניט, אז לארי'ס אויסזעהן איז בעלא'ן געפעלען געווארען, זיין ענערגישער און זיכע-רער קער, דער קלוגער קוק פון זיינע שווארצע אויגען. ער האט אויסגע-זעהן א וויכטיגע פערזאן אין איהרע אויגען, מיט גרויס פארגעם.

„מיין עלינאר האט געוואוסט וואס אויסצוקלייבען" — האט זי א צופרי-דענע א טראכט געטאן.

— ווי איז געווען דער פאהרען? ס'איז געווען שווער דער קומען אהער?

— האט בעלא זיך געווענדעט צו לארי'ן.

— א, ניין. מיר איז באקאנט דער געגענט — האט לארי זיך אפגערופען און זיך איבערגעקוקט מיט עלינאר'ן. און ביידע האבען געשמייכעלט, האר-בענדיג אין זינען וויפיל מאל ער איז שוין געפאהרען אהער זיך זעהן מיט עלינאר'ן אהן דער מאמע'ס וויסען.

געגעסען האבען זיי אין ליווינג-רום, אויף א צונויפגעשטעלטען טיש. עס האט זיך דא איצט געפיהלט א געהויבענע, יום-טוב'דיגע שטימונג, מיט אלע ליכט אנגעצונדען און מיט'ן ווייסען טישטוך אויפ'ן טיש און מיט דעם זילבערווארג פיין צולעגט. בעלא, אנגעטאן אין א שעהנעם, שווארצען קלייד, איהרע האר אויפגעטורעמט הויך און מיט א ווייסען פארטוך אי-בער די היפטען, האט אויך אויסגע-זעהן גוט, דערלאנגענדיג צום טיש דעם עסען.

נאר דער שמועס ביים טיש האט אין אנהויב ניט אזוי גוט זיך גע-קלעפט. יעדערער פון די דריי האט זיך געפיהלט אביסעל ניט באקוועם, אנגעצויגען. מען האט וועגען „עפעס" אנגעהויבען ריידען, באלד איבערגערי-סען און ווייטער געפרואווט אנהויבען. די אורזאכע פון דעם האבען אלע דריי געפיהלט. עס האט געפעהלט די נשמה, דער קאפ פון דער פאמיליע: דער מאן און דער טאטע פון די צוויי פרויען דא. נאר יעדערער פון זיי האט זיך געהיט דאס ניט צו דער-מאנען.

לארי האט זיך געהיט פון פרעגען עפעס, אדער ארויסריידען אזא ווארט וואס זאל זיין אומטאקטיש — האט ער מעהר געשוויגען.

(ווייטערס — מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— ווי געפעלט אייך די פיש? — האָט בעלא געפרעגט ביי לאַרי'ן — אנדערע האָבען ליב אַריינצוטאָן צוקער אין קאָכען. איך ניט.

— די פיש איז גוט. ס'איז פונקט ווי מיין מאַמע מאַכט עס — האָט לאַרי זיך אָפּגערופען. עלינאָר האָט איהם צוגערוקט דאָס פלעשעלע מיט כריין:

— עס מיט כריין, לאַרי. ס'איז גוט מיט פיש.

— דו דאַרפסט זיך לערנען קאָכען פון דיין מאַמען, עלינאָר — איז שוין לאַרי געוואָרען היימישער און ער האָט שוין געקענט זיך א וויצעל טאָן.

— אָ, יעס, מאַי מאַדהער איז עי גוד קוק — האָט עלינאָר באַלד אונטערגעכאַפּט. — וואַרט ביז זי וועט צוטראָגען דעם קעיק. ס'איז וואונדערליך.

בעלא האָט גענומען לויבען עלינאָר'ס פעהיגקייטען אין דער באַלעבאַטישקייט:

— זי קען אויך גוט קאָכען. יו וויל בי סורפּרייזד — האָט זי לאַרי'ן געזאָגט.

— אָה, מאַדהער, פּליז. לאַרי קען נאָך מיינען, אַז דאָס איז אמת — האָט עלינאָר געפּרואווט שפּאַסען.

נאָר ס'איז ניט אַוועק קיין סך צייט און אַלע דריי ביים טיש זיינען דרייסטער געוואָרען, און זייער שמועס איז געוואָרען פרייער. בעלא איז אַוועק אין קיך צוגרייטען די קאַפע און עלינאָר האָט זיך גענומען אָפּראַמען פון טיש די אויסגעליידיגטע טעלער.

שטעהענדיג א ווייַלע אין קיך אַליין מיט דער מאַמען איהרער, האָט זי אויפגעזוכט איהר מאַמע'ס בליק, ווי זי וואָלט וועלען נאָר מיט די אויגען איהר א פרעג געטאָן: „נו, ווי געפעלט ער דיר, מיין לאַרי?"

און בעלא האָט אויך מיט די אויגען ווי אָפּגעענטפערט איהר טאָכטער:

— וואָס פרעגסטו פראַגעס? ער איז גוט. ניטאָ וואָס צו ריידען.

און זי האָט פילבאַדייטענדיג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

עלינאָר האָט פון גרויס געפיהל אַרומגעכאַפּט דער מאַמען און איהר א קוש געטאָן אין באַק, און זי איז באַלד אַריינגעלאָפען צוריק אין ליווינג־רום צו לאַרי'ן.

איצט זיינען זיי אַלע דריי געזעסען און געטרונקען קאַווע און צוגעביסען מיט'ן זיסען געבעקס. בעלא איז דרייסטער געוואָרען און זי האָט גענומען לאַרי'ן פאַנאַנדערפרעגען מעהר וועגען איהם. ביסלעכווייז, פאַרזיכטיג האָט זי ביי איהם געפרעגט וועגען זיין היים, זיין פאַמיליע, און לאַרי האָט אין א גרינגען טאָן איהר דערצעהלט, אַז ער איז איינער פון א האַלבען טוץ קינדער, און אַז זיינע עלטערן וואוינען אין ברוקלין. זיין טאַטע האָט אַמאָל געאַרבייט אין א שאַפּ, און איצט האָט ער א קלינינג און פרעסינג סטאָר, זיי זיינען פשוט'ע נאָר זעהר וואוילע מענשען. זיין טאַטע־מאַמע — האָט ער פון זיי גערעדט מיט ליבשאַפט אין זיין קול.

דערנאָך האָט איהר לאַרי דערצעהלט בעלא'ן מעהרער וועגען זיך אַליין. ווי לאַנג ער דאַרף נאָך שטודירען. נאָך איין יאָהר וועט ער דאַרפען אַרבייטען אין האָספּיטאַל ווי אַן „אינטוירן". און אויב ער וועט וועלען זיך צוגרייטען פאַר א ספּעשעליסט, וועט עס דויערן נאָך א צוויי־דריי יאָהר דאָס לערנען.

פריי און ניט־געצוואונגען איז זייער שמועס איצט געווען. לאַרי האָט ווייטער דערצעהלט, ווי ער האָט דאָרט איצט זיין וואוינונג אין האָספּיטאַל. ער האָט הינטער זיך א גאַנצען וואַרד (אָפּטיילונג) מיט פּאַציענטען אויף וועלכע ער דאַרף אַכטונג געבען.

בעלא איז געווען איבערוועלטיגט. אַט איז א מאַן, אַן אויפטוער. ער איז אויסגעוואַקסען גרויס אין איהרע אויגען און זי האָט גע'קראָגען צו איהם גרויס אַפּשיי:

— איהר אַרבייט מסתמא זעהר שווער? — האָט זי ביי איהם א פרעג געטאָן.

— יע, קיין זאַך קומט ניט אַן גרינג — האָט לאַרי מיט אַן ערנסטען טאָן זיך אָפּגערופען. בעלא האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. זי פאַרשטעהט. זי ווייסט אויך פון אַרבייטען שוועך אַז מען וויל עפּעס דערגרייכען. זי האָט אנגעקוקט לאַרי'ס ענערגישען פּנים, זיינע קלוגע אויגען. זי האָט געפיהלט פּאָזיטיוו אַז ער איז איהר געפעלען. איהר פאַנטאַזיע האָט זיך צושפּילט. זי וועט האָבען אַן איידעם א דאָקטאָר, א ספּעשעליסט.

עלינאָר האָט צוגעשוויגען. זי האָט געפיהלט גרויס דאַנקבאַרקייט צו איר מאַמען, וואָס זי האַלט זיך אַזוי גוט, און פאַר דעם גאַנצען היינטיגען אָווענט וואָס זי האָט צוגעגרייט מיט אַזוי פיל מיה. עס איז געווען איצט א מינוט, ווען אַלע דריי האָבען זיך געפיהלט דערנעהענטערט. לאַרי מיט זיין אכזריות'דיגער נאַטור האָט אַזוי ווי געפיהלט ווי ער איז דער באַשיצער פון אַט די צוויי עלענדע פרויען. ער האָט ניט־ווילענדיג געקוקט פון בעלא'ן צו עלינאָר'ן, ווי וועלענדיג פאַרגלייכען זייער ריידען. קיין איין שטריך האָט ער ניט געפונען, וואָס זאָל עהנליך מאַכען דער מאַמען מיט דער טאָכטער. עלינאָר איז אַזוי אַנדערש פון איהר מאַמען.

— איהר ווילט אפשר נאָך קאַווע, מיסטער פינקעל? — האָט בעלא ביי איהם געפרעגט.

— מיסטער פינקעל? — האָט לאַרי א לאַך געטאָן — איהר קענט מיך רופען לאַרי.

— גוט, איך וועל אייך רופען לאַרי, — האָט בעלא א צופרידענע צו איהם געשמייכעלט.

עלינאָר האָט זיך געכאַפּט העלפען איהר מאַמען אַראָפּנעמען פון טיש. נאָר בעלא האָט איהר ניט געלאָזען.

— דו ביזט היינט אויך מיין גאַסט, — האָט זי איהר גוטמוטיג אָפּגעשטופּט מיט דער האַנט.

בעלא איז אַוועק אין קיך אויפראַמען און צוואַשען דאָס געפעס און עלינאָר מיט לאַרי'ן זיינען ענדליך פאַרבליבען אַליין אין ליווינג־רום.

— סאָ דהיס איז יור האָום! — (אָט דאָס איז דיין היים) — האָט לאַרי געזאָגט צו עלינאָר'ן נאָכדעם ווי זיי זיינען ביידע פאַרבליבען אַליין. ער האָט מיט גרויס אינטערעס אַלץ באַטראַכט דאָ אין ליווינג־רום. דאָס צימער איז געווען ניט רייך אויסגעשטאַט, נאָר שעהן און נעט צוגעקליבען. עטליכע בילדער אויף די ווענט מיט שעהנע לאַנדשאַפטען, אַן אַלט־מאָדישער „מענטעל־פּיס", א קאַמין מיט צעזעגטע שטיקלעך האָלץ אונטען, נידעריג ביי דער ערד; א ווייכע, פּלושענע אָטאָמאַנע און עטליכע טיפע שטולען, און א טעפּיך אונטער די פיס.

עס איז דאָ ווייניג געווען פון עלינאָר'ס באַזונדערען געשמאַק. עס איז גיכער געווען איהר מאַמעס צימער. בעלא האָט עס גענוצט פאַר איהרע ביזנעס, צו אויפנעמען איהרע פרויען, קאַסטימער. און עלינאָר'ן האָט ווייניג געאַרט, ווי אַזוי איהר היים זעהט אויס, איבערהויפּט אין די צייטען ווען איהר האָט זיך געלעבט ניט גוט...

— דו האָסט געוויס זיך פאַרגעשטעלט אַנדערש מיין היים, — האָט עלינאָר זיך אָפּגערופען. — דאָ איז ניט אַלץ אַזוי ווי מיר וואָלט זיך געוועלען.

— מיר געפעלט דאָ, — האָט לאַרי איהר אָנגעקוקט מיט א וואַרימען בליק, ווי ער וואָלט זאָגען, אַז אַלץ, וואָס עס באַלאַנגט צו איהר, איז איהם אויך נאָהענט.

— איך האָב מיין אייגענעם צימער, — האָט איהם עלינאָר דערצעהלט.

לאַרי איז געווען נייגעריג עס אָנצוקוקען. עלינאָר אין איהר אייגענעם צימער, ווי זעהט עס אויס?

— אַן אַנדערש מאָל — האָט עלינאָר צוגעשמייכעלט. — עס וועט ניט אַוועק קיין סך צייט און דו וועסט אַלץ אַליין דערוויסען וועגען מיר...

זיי זיינען ביידע אַרומגעגאַנגען פון איין ווינקעל צום אַנדערען. לאַרי מיט זיין האַנט אַרום עלינאָר'ס טאַליע. דער בוקעט בלומען, וואָס לאַרי האָט געבראַכט, איז געשטאַנען אין דער וואַזע אויף א קליין טישעלע און האָט צוגעגעבען דעם צימער אַן אינטימען טאָן. אַן אַלטע פּיאַנאָ איז געשטאַנען דאָ אין א ווינקעל, איבערגעדעקט מיט שעהנעם, געבלומטען טוך. און דאָ האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט א ווייַלע:

— דו שפּילסט פּיאַנאָ, עלינאָר? — האָט לאַרי ביי איהר געפרעגט.

— אָה, אַמאָל האָב איך געשפּילט, — האָט זי נאָר א לאַך געטאָן. — מיין מאַמע האָט ניט אַנדערש געוואָלט איך זאָל זיין א טאַלאַנט...

(ווייטערס — מאָרגען)

## דזשענעראַל פודס און די דזשאָזעף דזשעיקאָבס אָרגאַניזאַציע פאַנגען אָן קאַמפּעין פאַר דעם פּאָוסט'ס נייעם סיריעל „שוגער קריספּ"




# „רעציפּיס"

וואָס האָבען די וואָך געוואונען פּרייזען אין דעם „פאָרווערטס" קאָנטעסט

[די וואָס ווילען אַריינשיקען רעציפּיס ועלען זיי פאַרשיקען אויף דעם פאָלגענדען אַדרעס: Forward Recipe Dept., 175 E. Broadway, N. Y.]

## אַ דינער פאַר געסט

פּרייז־געווינער 5 דאָלער

### געפילטע גרעיפּפרוכטען

4 גרעיפּ־פרוכט
1 קען פרוכט־קאָקטעיל
½ גלאָז רויטען וויין.

צושניידט די גרעיפּ־פרוכט אין דער העלפט און שניידט אויס מיט א שאַרפען מעסער די פרוכט. צושניידט די פרוכט אויף קליינע שטיקלעך. זאַיט אַוועק די זאַפט פון א קען א פרוכט־קאָ .טעיל און מישט צוזאַמען די שטיקלעך גרעיפּ־פרוכט מיט די געקענטע פרוכט און מיט וויין. פילט די גרעיפּ־פרוכט־שאָלעכצען מיט די פרוכט און דעקאָרירט יעדען גרעיפּפרוכט מיט א מאַראַשינאָ טשערי. סערווירט דאָס פאַר אַן אַפּעטאַיזער.

### פלייש און אייער סאַלאַד

1 פונט געקאָכטע קאַלבס־פלייש
2 ציבעלעס
2 טיילעפּעלער לעמאָנזאַפט
3 עסלעפּעל מעיאָנעיז דרעסינג
6 האַרטע אייער.

צומאָלט די געקאָכטע פלייש מיט די ציבעלעס און פיר האַרטע אייער אין א שפּייז־מיל. מישט אַריין איין טיי־לעפּעלע זאַלץ, לעמאָנזאַפט און מעיאָנעיז דרעסינג. לאָזט דאָס שטעהן אין א פרידזשידעיר ביז איהר דאַרפט דאָס סערווירען. שפּרייט אויס לעטוס־בלעטלעך אויף קליינע טעלער. לעגט אַוועק א קאָכלעפּעל צומאָלענע פלייש אויף יעדען לעטוס־בלעטעל און פאָרמירט די פלייש אַז עס זאָל אויסזעהן ווי א לאַטקע. לעגט אַרויף אויף דעם פלייש א רעדעלע פון א האַרטע איי און א רעדעלע פון א צושניטענעם גרינעם פעפער. לעגט אַוועק ביי דער זייט צוויי סלאַיסעס טאָמיטאָ, צוויי סלאַיסעס אוגערקע און סערווירט דאָס פאַר א פאַרשפּייז.

### געפילטע קאַטשקע

1 זעקס־פונטיגע קאַטשקע
4 ציינדלעך קנאָבעל
1 טיילעפּעלע זאַלץ
1 טיילעפּעלע פּאַפּריקאַ
2 עסלעפּעל וואַסער.

צודריקט דעם קנאָבעל גאַנץ פיין און מישט עס צוזאַמען מיט זאַלץ, פּאַפּריקאַ, אביסעל פעפער און וואַסער. ריינינגט אָפּ די קאַטשקע און וואַשט עס אויס מיט קאַלטע וואַסער. באַשמירט עס מיט צודריקטען קנאָבעל און לאָזט עס שטעהן אין פרידזשידעיר. גרייט צו —

### די געפילאַכטס

2 אייער
4 עסלעפּעל טשיקענפעטס
4 עסלעפּעל וואַסער
3 עסלעפּעל מעהל
1 זעמעל
1 ציבעלע.

שלאָגט־אויף די אייער און מישט צוזאַמען מיט טשיקען־פעטס, וואַסער, איין טיילעפּעלע זאַלץ, מעהל און א ביסעל פעפער. ווייקט־איין דעם זעמעל אין קאַלטע וואַסער און דריקט אויס די וואַסער. צומאָלט דעם זעמעל צוזאַמען מיט א ציבעלע, קאַטשקע־לעבערעל און א פערטעל פונט קאַלבס־לעבער אין א שפּייז־מיל. מישט דאָס צוזאַמען מיט דעם אייער־מיקסטשור און פילט די קאַטשקע און דאָס העלזעל. פאַרנעהט די קאַטשקע און דאָס העלזעל. צושניידט דריי גרויסע ציבעלעס אויף דינע סלאַיסעס און לעגט זיי אַריין אין א בראַטפאַן. לעגט אַרויף די געפילטע קאַטשקע און די העלזעל מיט דעם בייליק אַרויף. לעגט אַריין די קאַטשקע־דרויבע ביי דער זייט און גיסט אַריין צוויי גלעזער וואַסער. פאַרדעקט דעם ראָוסטער און בראָט די קאַטשקע אויף א קליינעם פייער איין שעה. נעמט אַרויס דעם ראָוסטער און קערט־איבער די קאַטשקע, באַטרייסעלט עס מיט פּאַפּריקאַ און בראָט די קאַטשקע נאָך א האַלבע שעה אין פאַרדעקטען ראָוסטער. האָט צוגעגרייט א פערטעל פונט אָפּגעשיילטע און צושניטענע שוואָמען, איין צושניטענעם גרינעם פעפער, איין צושניטענע מעהרעל און איין אָפּגעשיילטע צושניטענע סוויט־פּאָטעיטאָ. נעמט אַרויס דעם ראָוסטער פון אויוון און לעגט אַרום די צושניטענע וועדזשעטעיבעלס אַרום דער קאַטשקע, און שטעלט צוריק דעם ראָוסטער אין אויוון, וועט די קאַטשקע ווערען ברוין. דערגיסט אביסעל וואַסער ווען די קאַטשקע בראָט זיך, וועט עס ניט זיין טרוקען.

### פלייש קאָטלעטען

1 פונט האַלז־פלייש
1 ציבעלע
2 ציינדלעך קנאָבעל
3 אייער
1 אויסגעווייקטען זעמעל.

צומאָלט די פלייש צוזאַמען מיט קנאָבעל, ציבעלע און אויסגעווייקטען זעמעל אין א שפּייז־מיל. מישט אַריין זאַלץ, געלכלעך און אויפגעשלאָגענעם שניי. מאַכט אויס פון פלייש קאָטלעטען און לעגט זיי אויס אַרום דער קאַטשקע. פאַרדעקט דעם ראָוסטער, פאַרלעשט דעם אויוון און לאָזט שטעהן די קאַטשקע ביז איהר דאַרפט עס סערווירען.

### אַ ניס קוגעל

1 פונט געקאָכטע קאַלבס־לונגען
12 וועלשענע ניס
3 גלעזער מצה־פאַרפעל
¼ גלאָז צוקער
2 טיילעפּעלער צימערינג
6 אייער
2 טיילעפּעלער וואַנעלאַ
2 טיילעפּעלער לעמאָנזאַפט.

צומאָלט די קאַלבסלונגען צוזאַמען מיט די ניס אין א שפּייז־מיל. באַגיסט די פאַרפעל מיט קאָכעדיגע וואַסער און לאָזט די וואַסער אַפּרינען דורך א זאַיער. מישט אויס די פאַרפעל מיט צוקער, צומאָלענע לונגען, צימערינג, וואַנעלאַ, לעמאָנזאַפט און אויפגעשלאָגענע געלכלעך. שלאָגט־אויף א שטייפען שניי פון די אייער־ווייסלען און מישט עס אַריין אין די מצה־פאַרפעל. באַגיסט א הייכע בלעך מיט פעטס און גיסט אַריין די טעיג. באַקט עס אין א מיטעלמעסיגען אויוון פערציג מינוט. איהר דאַרפט באַקען די פּודינג איידער איהר בראָט די קאַטשקע. סערווירט צו דעם פלייש א לעטוס סאַלאַד וואָס איז צוזאַמענגעמישט מיט צושניטענע טאָמיטאָס, צושניטענע אוגערקע, איין צוריבענע מעהר און מיט א סאַלאַד־דרעסינג. האָט אויף דעם טיש טעלער מיט זויערע פּיקעלס, טאָמיטאָס און רויטע זויערע פעפערס.

### אַ צושפּייז

1 פעקעדזש ליים דזשעלאָ
2 פעקעדזשעס טשערי דזשעלאָ
1 קען צוסלאַיסטע פּיטשעס.

צופּיהרט די ליים דזשעלאָ מיט איין גלאָז קאָכעדיגע וואַסער און לאָזט עס אויסקיהלען. גיסט אַריין די דזשעלאָ אין א פלאַכע פּאַירעקס דיש און לעגט אַרויף די סלאַיסעס פּיטשעס איבער דעם גאַנצען דיש. די פרוכט־סאָס דאַרפט איהר אוועקגיסען איידער איהר לעגט אַריין די פּיטשעס. לאָזט עס שטעהן אין פרידזשידעיר אויף איבער נאַכט. אויף דעם צווייטען טאָג צופּיהרט ביידע פעקעדזשעס דזשעלאָטין מיט צוויי גלעזער קאָכעדיגע וואַסער. גיסט עס אַרויף אויף די פּיטשעס ווען עס איז קאַלט און לאָזט שטעהן אין פרידזשידעיר אויף איבער נאַכט. ווען איהר דאַרפט דאָס סערווירען, שטעלט אַריין די דיש אין הייסע וואַסער פאַר עטליכע מינוט וועט זיין לייכט דאָס אַרויסצונעמען פון דיש אויף א פלעטער גאַנצערהייט.

### אַ מצה האָניג פרוכט קעיק

6 אייער
1 גלאָז צוקער
½ פונט האָניג
¼ גלאָז אויל
2 גלעזער מצה־מעהל
3 טיילעפּעלער בעיקינג פּוידער
1 טיילעפּעלע טרינק־סאָדע
1 אָרענדזש
1 גלאָז שטאַרקע קאַפע
2 טיילעפּעלער וואַנעלאַ
1 גלאָז רעזינס.

רייבט־איין צוקער מיט די געלכלעך, אויל און האָניג. גיסט אַריין די קאַפע, וואַנעלאַ און מישט עס אויס. זיפּט איבער די מצה־מעהל מיט בעיקינג פּוידער און בעיקינג סאָדע דריי מאָל. מישט אַריין צוביסלעך מצה־מעהל אין אייער־מיקסטשור און רייבט עס איין זעהר גוט. ווען איהר האָט שוין אַריינגעמישט די גאַנצע מעהל, צורייבט די אָרענדזש מיט די שאָלעכטס אויף א ריבאייזען און מישט אַריין אין טעיג. מישט אַריין די רעזינס. שלאָגט־אויף א שניי פון אייער־ווייסלען. מישט אַריין צוויי עסלעפּעל קאָכעדיגע וואַסער און מישט דאָס אַריין אין טעיג. שמירט אויס א בלעך מיט אויל, שפּרייט אויס וועקס־פּעיפּער און גיסט אַריין די טעיג. לאָזט ברענען דעם אויוון צעהן מינוט און שטעלט אַריין דעם קעיק. באַקט עס אין א מיטעלמעסיגען אויוון איין שעה. עפענט ניט די טירעל ווען דער קעיק באַקט זיך. לאָזט שטעהן דעם קעיק אין בלעך ביז עס וועט קאַלט ווערען.

מרס. פּוירל בערמאַן,
1895 מאָררים עוועניו,
בראָנקס, נ. י.

## געפילטע קנישלאַך

פּרייז־געווינער 1 דאָלער

½ קאַפּע אויל
¾ קאַפּעס צוקער
3 אייער
1 עסלעפּעל לעמאָנזאַפט
3 קאַפּעס מעהל
2 טיילעפּעלער בעיקינג פּוידער.

מישט צוזאַמען די אַלע אויסגערעכענטע זאַכען און פאַרקנעט א לויזען טעיג. וועלגערט אויס א דינע בלעטעל און שניידט אויס מיט א גלאָז קליינע בלעטעלעך. פּילט זיי מיט —

### אַ געפילאַכטס:

½ פונט רעזינס
1 קאַפּע צוריבענע וועלשענע ניס
5 צוריבענע מעהרען
½ פונט האָניג.

קאָכט־אויף די האָניג און וואַרפט אַריין צוריבענע מעהרען. קאָכט עס א פערטעל שעה. מישט אַריין די אַלע אויסגערעכענטע זאַכען און לאָזט עס אָפּקיהלען. לעגט אַרויף א ביסעל געפילעכטס אויף א בלעטעל טעיג און פאַרדעקט עס מיט נאָך א בלעטעל. קלעפּט אַרום די ברעגעס און לעגט זיי אויס אין א בלעך וואָס איז באַשמירט מיט אויל און באַקט זיי אין א מיטעלמעסיגען אויוון צוואַנציג מינוט.

מרס. ר. לעשינסקי,
273 איסט בראָדוועי,
ניו יאָרק.

## אַ ניס שטרודעל

פּרייז־געווינער 1 דאָלער

2½ קאַפּעס מעהל
1 עסלעפּעל צוקער
¼ טיילעפּעלע זאַלץ
½ פונט פּוטער
1 געלכעל
½ קאַפּע קרים.

זיפּט איבער מעהל צוזאַמען מיט צוקער און זאַלץ. רייבט איין פּוטער מיט מעהל ביז עס זעהט אויס ווי גרייפּעלעך. מישט אַריין די קרים וואָס איז אויסגעמישט מיט איין אויפגעשלאָגען געלכעל און קנעט אויס א טעיג. פאַרוויקעלט עס אין וועקס־פּעיפּער און לאָזט עס פריהרען אין פרידזשידעיר פאַר עטליכע שעה צייט. גרייט צו —

### די געפילאַכטס

½ פונט אויסגעשיילטע צוהאַקטע וועלשענע ניס
3 עסלעפּעל צוקער
1 טיילעפּעלע צימערינג
½ טיילעפּעלע ספּאַיסעס
½ טיילעפּעלע נאַטמעג
¼ קאַפּע מילך.

מישט צוזאַמען די אַלע אויסגערעכענטע זאַכען און קאָכט זיי צעהן מינוט. לאָזט עס קאַלט ווערען. וועלגערט אויס פון טעיג א דינע בלעטעל. באַשמירט עס מיט די ניס־מיקסטשור און פאַרוויקעלט עס ווי א שטרודעל. לעגט עס אַריין אין א בלעך וואָס איז באַשמירט מיט אויל און באַקט עס אין א מיטעלמעסיגען אויוון ביז עס וועט ווערען ברוין.

מרס. ראָוז טעפּפער,
3074 בריטאָן 14טע סט.,
בריטאָן, ברוקלין, נ. י.

## טייטלען און ניס קעיק

פּרייז־געווינער 1 דאָלער

1½ קאַפּעס צושניטענע טייטלען
1 טיילעפּעלע בעיקינג סאָדע
1 קאַפּע קאָכעדיגע וואַסער
2 עסלעפּעל אויל
1 איי
1 קאַפּע ברוינע צוקער
½ קאַפּע וועלשענע ניס
1½ קאַפּעס מעהל
1 טיילעפּעלע בעיקינג פּוידער.

לעגט אַריין די טייטלען אין א שיסעל. באַטרייסעלט זיי מיט בעיקינג סאָדע און באַגיסט זיי מיט קאָכעדיגע וואַסער. לאָזט זיי ווייקען אין וואַסער ביז עס וועט ווערען קאַלט. רייבט איין צוקער מיט אויל און אויפגעשלאָגענע איי. מישט אַריין די טייטלען מיט דעם וואַסער, ניס און מעהל וואָס איז איבערגעזיפּט צוזאַמען מיט בעיקינג פּוידער און אביסעל זאַלץ. מישט דאָס אויס זעהר גוט און גיסט אַריין די טעיג אין א בלעך וואָס איז באַשמירט מיט אויל און באַקט עס אין א קיהלען אויוון איין שעה אָדער ביז עס וועט ווערען ברוין פון אויבען.

מרס. פעני דובראָוו,
615 באַינטאָן טערעס,
שאַטאַנוגאַ, טעננעסי.

### בורגער אַרב. רינג שול 3

די פאַרוואַלטונג און לערער פון דער ווי־ליאַמסבורגער אַרבייטער רינג שול 3 דריקען דאָ אויס דעם טיפסטען צער אויפ'ן טויט פון פערל ציטרין־גאָלדבערג, וואָס איז געווען אַ גראַדואירטע פון אונזער שול און אַ גראַדואירטע פון דער אַרבייטער רינג מיטל־שול. מיר דריקען דאָ אויס דעם טיפסטען מיטגעפיל צו די עלטערן, די טוער פון אונזער שול פריינד און פריינדין י. ציטרין אויף דעם טראַגישען פאַרלוסט פון זייער איינציגער טאָכטער פערל.

## רייכע אונטערהאַלטונג ווען איר „טרעפט זיך מיט מרים קרעסין" איבער סטעישאַן WEVD

יעדען וואָכענטאָג, מאָנטאָג דורך פרייטאָג, ערוואַרט אייך א פינקעלדיגע ראַדיאָ־אונטערהאַלטונג ווען איהר „טרעפט זיך מיט מרים קרעסין", באַרימטע סטאַר־שוישפּילערין פון דער אידישער בינע און ראַדיאָ, 12:45 ביי־טאָג, איבער סטעישאַן דאַבעליו. אי. ווי. די. — 1330 אויף אייער דאַיעל. מרים קרעסין ווייסט אַז „וואַריאַציע איז די באַווירצונג פון לעבען", און זי גיט אייך דעם סאָרט וואַריאַציע וואָס איהר זוכט פאַר אמת'ען פאַרגעניגען.

קיין וואונדער ניט וואָס דער פּראָגראַם איז אַמוזירענדיג, אינפאָרמאַטיוו און שפּאַנענדיג אין דער זעלבער צייט. יעדען טאָג האָט מרים קרעסין עפּעס נייעס — א „באַזוך" אין אַן אינטערעסאַנטען פּלאַץ... א דראַמאַטיזאַציע פון דעם אינהאַלט פון א בוך... אַן אינטערוויו מיט א פּראָמינענטער פּערזענליכקייט... א גאַסט־סטאַר, און אַזוי ווייטער. ווען איהר „טרעפט זיך מיט מרים קרעסין", הערט איהר אויך א אידישען רעקאָרד וואָס די באַרימטע ענדרו סיסטערס האָבען אַליין געמאַכט פון א אידישער איבערזעצונג פון זייער פּאָפּולערער קעמפּבעל סופּ טעמע.

אייער טעגליכע „דאַטע" מיט מרים קרעסין איז אַראַנזשירט פון דער קעמפּבעל סופּ קאָמפּאַני, פּראָדוצירער פון די גוטע קעמפּבעל סופּס, וואָס זיינען אַנגענומען אין אַלע אידישע היימען. פאַרפעלט עס ניט!

# אַ לעבן פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

לארי איז געווען זעהר גריהרט פון דאס אלץ. אין הארצען ביי איהם האט זיך אויפגעוועקט א ווארעמער געפיהל צום גאנצען הויז, און פאר זיין געדאנק האט זיך א ווייז געטאן דאס עלענטע לעבען פון אט די צוויי פרויען, עלינאר און איהר מאמע, ניט באשיצט פון קיינעם. און ער האט איצט דערפיהלט צו עלינאר'ן ניט נאר שטארקע ליבע, נאר אויך פאראנטווארטליכקייט. ער, דער שטארקערער, דארף זיך זארגען פאר איהר.

בעלא האט זיך באוויזען אין טיר פון צימער. זי האט שוין פארענדיגט איהר ארבייט אין קיך, און שוין געהאט אויסגעטאן איהר ווייסען פארטוך. נאר לאנג האט זי זיך דא ניט פארהאלטען. זי האט נאך א ווייל ע שמועס געטאן מיט לארי'ן:

— איך דארף, אז פון איצט אן וועלען מיר זיך זעהן אפט — האט זי איהם געזאגט.

זי איז נאך אלץ געווען איינגעהאלטען מיט רייד, ווייל זי האט געדענקט גוט עלינאר'ס פארזאג נאך פון פריהער, אז ווען א באי קומט צו איהר, זאל זי זיך ניט צופיל ארייננמישען און ניט צופיל רעדען מיט איהם, און אז פון צופיל ארויסווייזען געטריי שאפט צו איהר טאכטער, קען זי נאך אמאל גאר קאליע מאכען.

לארי האט איהר באדאנקט פאר דער גוטער אויפנאמע, און צוגעזאגט צו קומען אהער ווען נאר ער וועט קענען אפרייסען צייט פון זיין ארבייט אין שפיטאל. בעלא האט זיך מיט איהם געזעגנט. זי האט איהם געזאגט, אז איצט מוז זי שוין געהן צו זיך אין צימער. זי איז שוין זעהר מיד. זיי האבען זיך געדריקט די הענט, און ארויסגעהענדיג האט זי צוגעמאכט די טיר פון צימער. דאס איז געווען ווי אן אנדייט, אז זיי קענען דא ביידע פארברענגען אומגעשטערט, ער און עלינאר, וויפיל זיי ווילען.

— דיין מאמע זעהט אויס צו זיין א קלוגע פרוי — האט לארי זיך אפגערופען ווען זיי זיינען פארבליבען אליין. עלינאר האט צופרידען א שמייכעל געטאן.

— זי איז מיין מאמע, זי קען ניט זיין קיין נארישע פרוי — האט זי געשפאסט.

— דו האסט אבער וועניג שטריכען פון דיין מאמען — האט לארי איצט גוט זיך איינגעקוקט אין איהר — אינגאנצען אן אנדער פנים...

עלינאר האט צוגעשוויגען און לארי האט אלץ מעהר שטודירט איהר פנים:

— דער מויל, אפשר, ווי דיין מאמע'ס, ניין? זי האט א ברייטערען מויל...

— אלע זאגען, אז איך זעה אויס מעהר ווי מיין טאטע — האט עלינאר ארויסגערעדט א פארקלערטע. אין דער מינוט האט זיך לארי'ן זעהר געוואלט קענען איהר טאטען, רעדען מיט איהם... וואס פאר א סארט מענש איז ער?... נאר ער האט זיך אפגעהאלטען פון פרעגען עפעס ביי עלינאר'ן וועגען איהר טאטען.

— די אויגען מיינע זיינען ווי דעם טאטען'ס — האט עלינאר נאך אלץ גערעדט א פארקלערטע.

— דיינע אויגען — האט לארי איהר צוגעצויגען צו זיך — זיי זיינען היינט אזוי שיינענדיג — און ער האט איהר געקושט אין מויל, אין די אויגען, האלטענדיג איהר ארומגענומען. ער האט איהר צוגעפירט צום אטאמאנע און זיי האבען זיך געזעצט.

— עס איז אזוי גוט וואס דו ביזט היינט דא מיט מיר, לארי — רופט זיך אפ עלינאר.

— נא מאר מארטהא'ס אפארטמענט — האט ער געזאגט, און ביידע האבען געלאכט.

מעהר ווי אלע מאל האט עלינאר איצט געפיהלט די רוהיגקייט און זיכערקייט, וואס איז געקומען איבער איהר דורך לארי'ס פערזאן. זי האט צוגעטוליעט איהר קאפ אויף זיין ברייטען אקסעל. לארי האט א קוש געטאן איהרע האר. א דינער פארפיום ריח האט זיך פון זיי געטראגען. אדער אפשר איז דאס געווען אזא נאטירליכער ריח... נאר ער האט זיך פון דעם דערפיהלט ווי שיכור'לעך.

דאך זיינען ביידע היינט געווען איינגעהאלטען אין זייער ליבע. עלינאר — דורך איהר איינגעבוירענער, מיידעלשער שעמעוודיגקייט, און לארי — צוליב זיין געפיהל פון אחריות פאר איהר, וואס ער האט די גאנצע צייט געפיהלט, זייענדיג דא ביי איהר אין דער היים.

— דו וועסט פון איצט אן קענען קומען אפטער מיך זעהן, ניט אזוי? — האט עלינאר מיט איהר האנט געגלעט איהם איבער זיינע האר.

— יע, עלינאר, ווען איך וועל נאר האבען א פרייען אווענט.

— איך וויל ניט אז דו זאלסט צוליב מיר פארנאכלעסיגען דיינע פליכטען, דיין ארבייט.

— איך ווייס אז דו ביזט א גוט מיידעל... דו פארשטעהסט...

— מיין מאמע וועט אונז ניט שטערען. זי איז צופיל פארנומען.

— זי איז פארנומען? זי טוט עפעס? — האט לארי זיך געוואונדערט.

— יע. זי איז אין ביזנעס. זי פארקויפט דרעסעס צו פרויען-קאסטאמערס. זי האט עס דא ביי זיך אין צימער ביי איהר, די דרעסעס, און די פרויען קומען אהער דאס קויפען.

— זי זעהט טאקע אויס זעהר אן ענערגישע פרוי, דיין מאמע.

— א, יע. זי טויג זיך אויס צו ביזנעס. זי זאגט, זי האט עס ליב...

לארי האט דערזעהן אין א ווייטען ווינקעל פון צימער איז געשטאנען א ביכער-שאפקעלע. פולע פאליצעס מיט ביכער האבען זיך דארט געזעהן. דאס האט נאך באלאנגט צו סעם ריווקין'ען, עלינאר'ס טאטען. ער האט די ביכער אזוי איבערגעלאזען דא שטעהן, ווען ער איז אוועק פון שטוב. לארי האט זיך אויפגעהויבען פון ארט, איז צוגעגאנגען צו דער שאפע. אז ער האט זיך אנגעבויגען און איבערגעקוקט די ביכער, האט ער דערזעהן עטליכע ענגלישע אויפשריפטען אויף זייערע רוקענס. ער האט ארויסגענומען איין בוך און א ווייל א בלעטער געטאן. דאס איז געווען „די געשיכטע פון דער ארביימער-באוועגונג אין אמעריקע".

— ווער לייענט דאס ביי אייך אזעלכע ערנסטע ביכער? — האט לארי זיך געוואונדערט.

— דאס זיינען מיין טאטען'ס ביכער — האט איהם עלינאר געזאגט.

— אינטערעסאנט... מארגע... — האט לארי אלץ איבערגערעדט א נייגעריגער.

— מיין טאטע איז זעהר אן אינטעליגענטער מענש, לארי.

— דו האסט מיר אזוי וויינינג דערצעהלט וועגען איהם...

— ער איז אן ארבייטער אין א שאפ. אבער ער האט ליב צו לייענען, צו לערנען. דו האסט געדארפט איהם הערען רעדען — האט עלינאר ארויסגערעדט מיט א מין שטאלץ.

— איך וואלט געוואונשען איך זאל איהם קענען זעהן, רעדען צו איהם...

— יע, איך וואלט אויך דאס געוואלט. איך ווייס, דו וועסט איהם ליב האבען — סאם-דעי — האט זי גערעדט א פארקלערטע — איך וועל מאכען, אז איהר זאלט זיך באגעגענען...

לארי האט אוועקגעלייגט דעם בוך צוריק אויפ'ן ארט און ער האט זיך צוגעזעצט צו עלינאר'ן אויף דער סאפע. ער האט זיך איצט דערפיהלט מעהר פריי צו פאנאנדערפרעגען ביי עלינאר'ן וועגען איהר טאטען: ווי לאנג איז דאס, אז ער איז אוועק פון דער היים, און צי קען זי איהם ערקלערען פארוואס ער האט עס געטאן.

און עלינאר האט איצט אויך געקענט פריי פון דעם רעדען... ניט ווי ביז אהער, ווען זי האט אויסגעמיטען ענטפערען לארי'ן אויף זיינע אלע פראגעס וועגען איהר טאטע-מאמע. איצט האט זי אליין איהם געוואלט מעהרער דערצעהלען פון איהר צוריסענער היים. דערמאנונגען זיינען ארויפגעשוואומען אין איהר זכרון. און זי האט גערעדט און דערצעהלט... ווי איהר טאטע-מאמע האבען קיינמאל צווישען זיך ניט געשטימט... זייערע קריגערייען אין יענע שלעכטע צייטען, און איהר שרעק ווען זי פלעגט דערזעהן, דערפיהלען, אז „עס הויבט זיך שוין אן"...

(ווייטערס — מארגען)

# מאַקס געביל דערצעהלט

(שלוס פון פעריודש 2)

טעם, וואס האבען מיט איהם פאסירט, אדער וועלכע ער האט זיך אנגעהערט אויף זיינע רייזעס. ער פלעגט אין רעסטאראן מיטברענגען מיט זיך זיינע קריסטליכע קאלעגען, מאטראזען, און זיי פלעגען זיך פאסמאקעווען מיט די אידישע מאכלים. וואס זיי האבען בא קומען אין דעם אידישען רעסטאראן. איך האב געהערט, אז די קריסטליכע מאטראזען האבען זייער אידישען קאלעגע גערופען: „דהי קינג". דאס האט מיך זעהר פאראינטערעסירט און איך האב איהם געפרעגט פארוואס מען רופט איהם אזוי, האט ער מיר געזאגט, אז זיי האלטען איהם פאר א קלוגען, און זיי האלטען, אז אלע אידען זיינען קלוגע, און אזוי ווי זיי האבען איהם זעהר גערן, האבען זיי איהם געגעבען דעם ניקנעים (צונאמען) „קינג" — ווען איך זאל אייך דערצעהלען, וואס עס האט פאסירט אלץ אויף דער וועלט — האט דער אידישער מאטראז ווייטער געזאגט צו מיר — וועט איהר מיר זיכער ניט גלויבען!

און ער האט מיר דערצעהלט, אז אליין שטאמט ער פון רומענישע עלטערען, אבער ער איז שוין געבוירען אין אמעריקע. דער מאטראז האט מיר איבערגעגעבען א שוידערליכע געשיכטע, וואס זאל האבען פאסירט מיט אים און זיינער א שוועסטער. איך ווייס נישט וויפיל אין דער געשיכטע איז געווען אמת און וויפיל פאנטאזיע און דיכטונג. אבער עס איז געווען א שרעקליכע דראמע פון מענשליכען לעבען מיט אהן א שיעור עקסאיטמענטס, און איך האב דאס אלץ באארבייט אין א פיעסע אונטער'ן נאמען „דער זעעקעניג".

אט די פיעסע האב איך אויפגעפיהרט מיט ליבהאבערס אין „טורן האל", אויף פערטער סטריט צווישען דער דריטער און פערטער עוועניו. איך האב געשפילט די ראל פון „זעע-קעניג". דזשעני אטלאס האט געשפילט אלס מיין שוועסטער און אלס אינטריגאנט האט געשפילט מיין שוואגער ווילי קירשענבוים. די פיעסע איז געגאנגען עטליכע מאל, פריהער א פרייטאג, דערנאך דריי נעכט כסדר, ווייל מיר האבען פארקויפט בענעפיטס פאר געוויסע סאסייעטיס. אבער אויף דער פיעסע האב איך געלענט וועניג געוויכט און מיך האט ניט געוואלדיג אינטערעסירט וואס זי האט אויסגענומען. מיך האט שטארק אינטערעסירט, וואס עס וועט זיין דער גורל פון מיין ערשטער פיעסע, פון „הענעלע", אדער „טאטע-מאמעס צרות".

איך וואלט אפשר געגאנגען צו קעסלער'ן, אבער עס האט מיר אויסגעפעלט מוט, ווייל איך האב ניט געקענט פארגעסען מיין דורכפאל ביי טאמאשעווסקי'ן, וועלכער האט מיר די פיעסע צוריקגעגעבען.

אבער אין דער זעלבער צייט האב איך קיין איין מאל ניט אויפגעגעבען דעם געדאנק, אז מיין פיעסע „טאטע-מאמעס צרות" וועט געשפילט ווערען, און איך בין אויך געווען זיכער, אז זי וועט האבען ערפאלג. איך האב אבער אין מיין פאנטאזיע קיינמאל ניט געזעהן, אז די פיעסע וועט זיין אזא ערפאלג, אז זי וועט געשפילט ווערען פון יעדער אידישער טרופע, אז זי וועט ראטעווען קאמפאניס פון קאטאסטראפעס, אז מען וועט זי בגנבה, אהן מיין וויסען, אפדרוקען, און טאקע אין מיין היימלאנד — אין גאליציע, און אז... טאקע דער זעלבער טאמאשעווסקי וועט זי נאך שפילען און מיט א ריזיגען ערפאלג, און איך וועל נאך האבען אמאל די געלעגענהייט מיט איהם צו רעדען וועגען יענעם מאמענט, ווען ער האט מיר די פיעסע צוריקגעגעבען.

טאקע דער שיקזאל פון מיין „טאטע מאמעס צרות" איז געווען פאר מיר נאכאמאל א באווייז, אז אין לעבען פאסירט אלץ, אז דאס לעבען איז מערקווירדיגער ווי די פאנטאזיע פון שרייבער, און דעריבער האב איך דעם גרעסטען טייל פון מיינע פיעסען ניט אויסגעטראכט, נאר גענומען פאר דעם צוועק פאקטען פון לעבען, גאנץ אפט געשיכטעס פון „בינטעל בריף", וואס האבען זיך געדרוקט אין „פארווערטס".

איך בין שטענדיג ארויסגעגאנגען פון שטאנדפונקט: צו וואס אויסטראכטען, אז דאס לעבען אליין ארבייט שוין און „טראכט" אויס פאר מיר?...

(ווי אזוי איך ווער א פראפעסיאנעלער אקטיאר און וואס פארא צרות דאס ברענגט אין מיין פאמיליע-לעבען — אין קומענדיגען קאפיטעל).

# זיצענדיג ביים טעלעוויזשאַן — וואָס מען זעהט און וואָס מען הערט

(שלוס פון עדיטאריעל פעידזש)

„פראמינענצען" האבען פרובירט טרעפען מיט וואס אט די כוואטסקע מויד באשעפטיגט זיך, האבען זיי בשום אופן ניט געקענט טרעפען. איינער — דאכט זיך, לואיס אונטערמייער — האט געמיינט, אז זי איז שוועדישע מאסאזשיסטקע. אן אנדערער — דאכט זיך, עקס-גאווערנאר האפמאן — האט געמיינט, אז זי איז א בייגעלבעקערקע. א דריטער — דאכט זיך, דער פסיכיאטאר — האט געמיינט, אז זי איז אן אם. די „לעידי רעסלער" — א מויד ווי א צימעס — האט אלץ געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף „ניין". דער עולם, מיט אלע „טעלעוויזשאניקעס", האבען געלאכט אין די הויפענס פון די „ספעצען", די פראמינענצען.

דער „מיסטעריעזער גאסט" איז געווען — עליאט רוזוועלט. זיין שטימע האט אלעמען פאראינטריגירט. „זייט איהר א פאליטישען?" — האט מען איהם געפרעגט. „ניין", האט ער געענטפערט. „זייט איהר א רעפובליקאנער?" האט איהם עקס-גאווערנאר האפמאן געפרעגט. „כ'בין אן ענראלטער דעמאקראט, אבער כ'שטים ווי אן אינדעפענדענט וואוטער", האט ער געענטפערט. „זייט איהר א הארווארד גראדועיט?" „ניין, קיין קאלעדזש-דיפלאם האב איך ניט. „שטאמט איהר פון ניו ענגלאנד?" „ניין, כ'שטאם ניט פון ניו ענגלאנד". „אייער קול איז מיר אבער שטארק באקאנט", האט די אקטריסע ארלין פרענסיס געהאלטען אין איין ווידערהאלען. „זייט איהר ווען געווען פארהייראט?" האט זי איהם געפרעגט. „יע, כ'בין געווען פארהייראט". דער סטודיא-עולם, וויסענדיג אז עליאט רוזוועלט האט שוין געהאט דריי ווייבער, האט הנאה געהאט פון אט דער פראגע. עליאט רוזוועלט האט מיטגעלאכט (א שאד וואס פעי עמערסאן איז ניט געווען צווישען די סטודיא-געסט). ארלין פרענסים האט אבער ניט אפגעלאזט. „האט איהר אמאל געהאנדעלט מיט קריסמעס-בוימער?" האט זי פלוצים א פרעג געטאן. „יע, כ'האב אמאל געהאנדעלט מיט קריסמעס-בוימער". „זייט איהר ניט עליאט רוזוועלט?" „יע, כ'בין עליאט רוזוועלט."

כ'זאג אייך, ס'איז געווען א העכסט אמוזאנטע סצענע.

געדענקט-זשע: „וואס'ס מאי לאין?" — יעדען צווייטען דאנערשטאג אווענט.

„איסטער סאנדעי" וועט האי-יאהר אויספאלען דעם 9טען אפריל. לכבוד אט דעם קריסטליכען פייערטאג האט די פרידזשידעיר קאמפאני אראנזשירט אן אנדערהאלבען שטונדיגען טעלעוויזשאן שאו. דער „מעסטער או סערעמאנים" וועט זיין באב האופ. פאר זיין טרחה וועט ער קריגען פערציג טויזענט דאלער.

איהר הערט: פערציג טויזענט דאלער פאר אנדערהאלבען שעה ארבייט.

ס'וועט, אגב, זיין באב האופ'ס פרעמיערע אויף טעלעוויזשאן. ער'ט באקומען פיר-מאל אזויפיל, ווי אירגענד אנדער אקטיאר האט ווען באקומען פאר אויפטרעטען אויף טעלעוויזשאן. די אנדערע טאלאנטען וועלען, זאגט מען, אפקאסטען זעכציג טויזענט דאלער. ארום און ארום, הונדערט טויזענט דאלער פאר ניינציג מינוטען אונטערהאלטונג אויף טעלעוויזשאן.

די הונדערט טויזענט דאלער בין איך אייך מוחל — וואס כ'קען ניט פארגעסען איז, אז באב האופ, וועמעס נאז איז צוויי-מאל לענגער ווי מיינער, וועט פארדינען מעהר אין איינע אנדערהאלבען שטונדען, ווי איך פארדין אין מי-יודע-וויפיל יאהר.

מ'האט זיך ערשט דערוואוסט די גענויע צאל טעלעוויזשאן-סעטס, וואס זיינען מאנופעקטשורט געווארען אין מאנאט יאנואר: פיר הונדערט טויזענט. אויב מ'זאל מאנופעקטשורען פיר הונדערט טויזענט טעלעוויזשאן סעטס א מאנאט, צוועלף מאנאטען נאכאנאנד, וועט עס באטרעפען נאהנט צו פינף מיליאן טעלעוויזשאן סעטס אין פארלויף פון 1950. אין מאנאט יאנואר זיינען מאנופעקטשורט געווארען מיט פופצען פראצענט מעהר טעלעוויזשאן סעטס, ווי אין מאנאט דעצעמבער. אויף דעם האט זיך קיינער נארניט גערעכט. פונקט דאס פארקערטע האט מען ערווארטעט: מיט פופצען פראצענט ווענינגער אין יאנואר, ווי אין דעצעמבער. האי-יאהריגען מאנאט יאנואר זיינען מאנופעקטשורט געווארען כמעט דריי-מאל מעהר טעלעוויזשאן סעטס, ווי אין מאנאט יאנואר, 1949.

זאלען זיך אבער די „ראדיא חסידים" ניט פילען געפאלען ביי זיך. ווייל אין דעמזעלבען מאנאט יאנואר, 1950, ווען אמעריקע האט מאנופעקטשורט פיר הונדערט טויזענט טעלעוויזשאן סעטס, האט דיזעלבע אמעריקע מאנופעקטשורט זעקס הונדערט מיט זעכציג טויזענט ראדיאס.

### טעטיגקייטען פון אידישען קולטור-קאנגרעס פאלקס-אוניווערזיטעט אין ריא דע זשאנעירא

די אפטיילונג פון קולטור-קאנגרעס אין ריא דע זשאנעירא, בראזיל, האט געשאפען א פאלקס-אוניווערסיטעט, וואס ווערט צאלרייך באזוכט. וועגען אידישער ליטעראטור וועלען רעדען: דר. צבי יתום, דר. א. ליפינער, ל. שמעלצינגער און א. אייזענגארט; וועגען אידישע פאליטישע באוועגונגען וועלען רעדען: דר. ה. לעמלע, דר. ש. מאלאמוד און א. בערגמאן; וועגען ארבייטער-באוועגונג — מ. שטערן א. בערגמאן; וועגען פארשידענע תקופות אין דער אידישער געשיכטע — דר. א. ליפינער, ל. שמעלצינגער, דר. צ. יתום; וועגען סאציאלער היגיענע — דר. נ. בראנשטיין; וועגען געשיכטע פון בראזיל — דר. ש. שטיינבערג, דר. ש. סרעברעניק, דר. א. איצעקזאן.

ביי דער ערעפענונג פון פאלקס-אוניווערסיטעט האבען אויך באגריסט: דר. ש. מאלאמוד, עהרען-קאנסול פון ישראל אין בראזיל און דוד זכאי, מיט-רעדאקטאר פון „דבר". א טעלעגראפישע באגריסונג האט צוגעשיקט די הויפט-לייטונג פון קולטור-קאנגרעס.











# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

ווען זי איז נאָך געווען זעהר יונג, האָט זי ווייניג געוואוסט פון די אורזאַכען צוליב וואָס די קריג איז געווען. עס זיינען געווען צייטען ווען זי האָט געהאַלטען מיט איהר טאַטען, געגעבען איהם אין האַרצען גערעכט. דער טאַטע איז אַזאַ וואונדערליכער מענש. זיין גוטסקייט און איידעלקייט האָט זי אַלעמאָל באַוואונדערט. ער איז אַן אידעאַליסט. ער אינטערעסירט זיך מיט כלל־זאַכען. די מאַמע איז גאָר אַן אַנדערע.

איצט, ווען זי איז עלטער געוואָרען, פאַרשטעהט זי דאָס אַנדערש. ביידע זיינען ניט שולדיג. זיי זיינען צוויי באַזונדערע כאַראַקטערען. ביידע איינגעשפאַרט.

— אפשר, פאַס דעי, וועלען זיי זיך צוריק צונויפקומען — האָט עלינאָר גערעדט איצט אַ פאַרקלערטע — עס וועט ווערען צווישען זיי ווידער אַ לעבען. איך וויל אַזוי האָפען...

— וואו געפינט ער זיך איצט, דיין טאַטע? — האָט לאַרי געפרעגט מיט אַ שטילען קול.

— ער וואוינט איצט אין דער היים פון זיינעם אַ פריינט, דאַון־טאַון. זיי האָבען איהם אָפּגעגעבען אַ באַזונדערען צימער. ער אַרבייט אַלץ אין שאַפּ, ווי אַמאָל.

— דו זעהסט איהם אָפט?

— ניט זעהר אָפט. עס טוט וועה דאָס האַרץ יעדעס מאָל ווען איך קום צו איהם צו זעהן איהם אַן עלענדען, אָהן אַ ריכטיגער היים, אָפּגעריסען פון אונז.

לאַרי איז געזעסען און געהערט איהר ריידען און אין זיין בליק איז געווען צערטליכקייט און אַזוי פיל פאַרשטענדעניש, אַז עס האָט עלינאָר'ן זיך געגלוסט ריידען נאָך, דערצעהלען איהם אַלץ, וואָס זי האָט אַלע יאָהרען געטראָגען אין האַרצען. און עס איז פאַר לאַרי'ן איצט קלאָר געוואָרען דאָס גאַנצע בילד פון עלינאָר'ס ביז איצטיגען לעבען.

איהר מאַט בלייכער פנים איז איצט דורכגענומען געווען מיט וואַרימע קאָלירען און איהר בליק איז געווען פאַרצויגען ווי מיט אַ טוי, אַז זי האָט געענדיגט ריידען. עס איז שוין געוואָרען זעהר שפּעט און לאַרי האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט. איצט זיינען זיי ביידע געשטאַנען אינמיטען צימער. לאַרי האָט מיט זיינע הענט אַרומגענומען איהר פנים פון ביידע זייטען און איהר געקושט מעהר צערטליך ווי ווען עס איז. עלינאָר האָט עס געפיהלט און אויך אַזוי אָפּגעענטפערט קושענדיג איהם צוריק.

— און איצט וועסטו געהן שלאָפען, עלינאָר — האָט ער אַרויסגערעדט מיט וואַרימקייט אין זיין שטימע — דו זעהסט שוין אויס זעהר מיד.

— יעס, לאַרי. גוד נאַיט — האָט זי געשמייכעלט צו איהם ווי אין חלום.

ער האָט אָנגעטאָן זיין מאַנטעל און דעם הוט. עלינאָר האָט איהם באַגלייט ביז צו דער טיר אין קאָרידאָר. לאַרי איז אַרויס און שטיל צוגעמאַכט נאָך זיך די טיר. עלינאָר איז נאָך געשטאַנען אַ ווייל׳ע ביי דער טיר, געפיהלט

דעם זיסען ציטער פון לאַרי'ס צערטליכער באַריהרונג, און שפּעטער, אַז זי איז שוין געווען ביי זיך אין צימער, שוין ליגענדיג אין בעט, האָט זי אין האַלבען דרעמעל דורכגעלעבט נאָך אַמאָל דעם גאַנצען היינטיגען וואונדערליכען אָוונט.

### פערצענטער קאַפּיטעל

נאָך יענעם ערשטען וויזיט ביי עלינאָר'ן אין שטוב, איז לאַרי דאָרט שוין אויפגענומען געוואָרען ווי אַן אייגענער מענש. יעדער מאָל ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט צו קומען. בעלאַ האָט איהם אַרויסגעוויזען גרויס ליבשאַפט און אַכטונג, ווי אַ צוקונפטיגען איידעם. בעלאַ האָט געוואוסט ווי צו האַלטען זיך און ריידען צו אַ מענשען, ווען און וואו דאָס האָט זיך געפאָדערט.

אָפּטמאָל, זיצענדיג דאָ אין אַן אָוונט מיט עלינאָר'ן, האָט לאַרי געמוזט אָפּרופען אין טעלעפאָן צו דעם שפּיטאָל, וואו ער האָט געאַרבייט. ער האָט געהאַט אויפ'ן געדאַנק אַ פּאַציענט וואָס איז געווען אונטער זיין אויפזיכט, און ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי דער נוירס פון שפּיטאָל, ווי עס איז די לאַגע. בעלאַ, זייענדיג ביי זיך אין צימער, האָט איהם געהערט אַזוי ריידען אין טעלעפאָן, און זי איז דורכגענומען געוואָרען מיט שטאָלץ פאַר לאַרי'ן, אַזאַ מאַן פאַר איהר עלינאָר! וואָס בעסערס האָט זי ווען־עס־איז געקענט זיך ווינשען?

עלינאָר האָט איהר מעהר דערצעהלט פון דעם, אַז לאַרי גרייט זיך צו ווערען אַ „ספּעשעליסט" אין זיין פּראָפעסיע. אַ האַרץ־ספּעציאַליסט, און בעלאַ'ס פאַנטאַזיע האָט זיך דעמאָלט צושפּילט. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט ווי זי וועט קומען צו עלינאָר'ן שפּעטער, ווען זיי וועלען חתונה האָבען. זי, בעלאַ, די מאַמע, וועט אָנקוקען דעם שעהנעם אָפּיס און די נוירסעס דאָרט, און דעם כבוד וואָס זי וועט האָבען דעמאָלט. זי האָט שוין איצט, ביי אַ געלעגענהייט, ריידענדיג מיט איהרע באַקאַנטע פּרויען־קאַסטאָמערס, פאַרוואָרפען וועגען דעם אַ וואָרט...

און לאַרי, נאָכדעם ווי ער האָט זיך מעהר דערוואוסט פון עלינאָר'ס פריהערדיגען שווערען לעבען, איז נאָך מעהר צוגעבונדען געוואָרען צו איהר. ער איז נאָך מעהר צערטליך געוואָרען אין זיין ליבע צו איהר. איהם האָט זיך געגלוסט פון איצט אָן איהר מעהר אָפּצוהיטען, זיך זאָרגען פאַר איהר, זי זאָל וויסען אַז עס איז דאָ אַ מענש אויף וועמען זי קען זיך אַלעמאָל פאַרטרויען. און ער וועט שוין זעהן אַז זי זאָל מעהר קיינמאָל ניט דאַרפען ליידען.

ער האָט זיך איצט געקליבען צו ריידען מיט זיין אייגענע טאַטע־מאַמע, צוגרייטען זיי פריהער וועגען עלינאָר'ן און וועגען איהר עלענדער היים. זיי זיינען פּשוט'ע מענשען, זיינע עלטערן, און זיי וועלען פאַרשטעהן. ער וועט זיי דערצעהלען וואָס פאַר אַ וואונדערליכע מיידעל ער האָט אויסגעקליבען פאַר זיך. אפשר וועט ער גאָר קומען אַמאָל צו זיי מיט איהר פאַר אַ וויזיט. זאָלען זיי אַליין איהר אָנקוקען. און נאָכדעם וועט מען קענען אָנהויבען ריידען וועגען זייער חתונה.

עס זיינען געווען אָוונטען, ווען זיי ביידע, עלינאָר און לאַרי, זיינען ביי איהר אין שטוב געזעסען אַליין אין ליווינג־רום. די מאַמע, עלינאָר'ס, איז געווען ביי זיך אין צימער, פאַרטאָן מיט אַן אַרבייט, אָדער זי איז שוין געשלאָפען. שטיל זיינען זיי געזעסען אויף דער סאָפע צוגעטוליעט איינע צו די אַנדערע, זיך צוגעהערט צו גוטער מוזיק אויף דער ראַדיאָ. זיי האָבען דעמאָלט ווייניג גערעדט צווישען זיך. נאָר דער געפיהל, אַז זיי זיינען צוזאַמען, אַז זיי באַלאַנגען איינע צו די אַנדערע, איז געווען גענוג אָנצופילען זייערע הערצער מיט פרייד. זייערע ליידענשאַפטען איינע פאַר די אַנדערע זיינען געווען דאָ שטורעמדיג און דאָ איינגעהאַלטען שטיל. ביידע זיינען געווען אין דערוואַרטונג פאַר דער אמת'ער פרייד, וואָס דאַרף נאָך קומען.

אַזוי פיל זיינען זיי געווען מיט זיך, אַז זיי האָט זיך גאָר ניט געגלוסט צו געהן ערגעץ פאַרברענגען אָדער זיך זעהן מיט פריינט.

אַ סך מאָל, ווען לאַרי איז געווען צופיל פאַרנומען און זיי האָבען זיך ניט געקענט זעהן ביי איהר אין דערהיים, האָבען זיי אָפּגערעדט אַז זיי זאָלען זיך באַגעגענען „דאַון־טאַון", אַרום שפּיטאָל וואו לאַרי האָט געאַרבייט. עלינאָר האָט געוואוּרט אויף איהם אין דער „לאָבי" פון שפּיטאָל, און דערנאָך זיינען זיי צוזאַמען געגאַנגען עסען סאַפּער אין אַ דערבייאיגען רעסטאָראַן.

עלינאָר האָט ליב געהאַט אַט די צופעליגע באַגעגענישען, די געכאַפּטע מינוטען. זיי זיינען געזעסען אין רעסטאָראַן ביי אַ טישעל. אַרום זיי דער געוועהנליכער טומעל און רעש פון די מענשען, וואָס זיינען אַריין און אַרויס. און זיי ביידע דאָ נאָהענט און אינטים. עלינאָר איז, ווי אַלעמאָל, געווען אָנגעטאָן מיט גוטען געשמאַק — אין אַ מאַנטעל פון טונקעל־גרינעם קאָליר, געפּאַסט אַרום איהר דינער פיגור, אַ גרויער, פוטערנער קאָלנערל, און פון דעם זעלבען פוטער אַ היטעלע.

(ווייטערס — מאָרגען)

## 60־יאָהריגער יובילעי פון מ. ב. קאָהען וועט געפייערט ווערען

אַ קאָמיטע איז געשאַפען געוואָרען צו פייערען דעם 60 יאָהריגען יובילעי פון באַקאַנטען טרעיד יוניאָן און סאָציאַליסטישען טוער מאַקס ב. קאָהען. די קאָמיטע באַשטעהט פון פאַרשטעהער פון אַ גאַנצער רייהע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און וועלכע דער יובילאַר איז אַקטיוו ווי לאָקאַל 117 אינטערנעשאַנאַל, „פאָרווערטס" אַסאָסיעישאַן, אידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, קעמפּ „גן עדן" און אַרב. רינג אַלך עידזש האָום.

אויף שבת, דעם 15טען אַפּריל ווערט צוגעגרייט אַ באַנקעט אין וואָודסטאָק האָטעל. אַלע פריינד פון יובילאַר, וועלכע ווילען אַנטייל נעמען אין באַנקעט, זאָלען גלייך מאַכען זייערע רעזערוואַציעס אין אָפיס פון יובילעי קאָמיטעט, 175 איסט בראָדוועי, רום 303, טעלעפאָן: גרעמערסי 5־7994.

אין פאַרבינדונג מיט מ. ב. קאָהען'ס יובילעאום ווערט אויך צוגעגרייט צום דרוק אַ זשורנאַל, און וועלכען אַ גאַנצע רייהע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און ברענטשעס ווילען זיך באַטייליגען מיט באַגריסונגען. דער גאַנצער איינקונפט פון דער מ. ב. קאָהען פייערונג וועט צוטיילט ווערען פאַר נויטבאַדערפטיגע אינסטיטוציעס.

אַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און ברענטשעס, וועלכע האָבען באַקומען איינלאַדונגען זיך צו באַטייליגען אין דעם מ. ב. קאָהען יום־טוב, ווערען געבעטען גלייך אַריינצושיקען זייערע רעזערוואַציעס צום יובילעי קאָמיטעט, 175 איסט בראָדוועי, רום 303. טעלעפאָן: גרעמערסי 5־7994.

## אַרום 5 מיליאָן אַרבייטסלאָזע אין אַמעריקע

וואַשינגטאָן, מערטש 7. — לויט אַ באַריכט פון דער צענזוס ביוראָ ווערט באַקאַנט, אַז אין אַמעריקע געפינען זיך איצט 4 מיליאָן 684 טויזענד אַרבייטסלאָזע.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרזעצונג)

און לאַרי האָט ווי אַלעמאָל געקוקט אויף איהר מיט אַנטציקונג. אין איהם איז געווען דער שטאָלץ פון אַ מאַן, וואָס האָט ליב צו ווייזען זיך פאַר מענשען מיט אַ פרוי אַ שעהנער און עלעגאַנט־אָנגעטאָנענער.

— איך וועל נעמען פאַר זיך אַ סטעיק — האָט לאַרי געזאָגט, דורכקוקענדיג די שפּייז־קאַרטע. — וואָס וואָלסטו געוואָלט באַשטעלען, עלינאָר?

— איך? — האָט זי אַ ווײַלע אַ טראַכט געטאָן — וועל גאָר נעמען אַ „האָט־דאָג“...

— אַ האָט־דאָג? — האָט ער פון איהר געלאַכט.

— יעס, עס איז גוט, איך האָב דאָס ליב — איז עלינאָר באַשטאַנען אויפ'ן איהר'ס.

זיי זיינען ביידע געווען אין אַ פרעהליכער שטימונג און לאַרי האָט געלאַכט:

— אַ האָט־דאָג! דאָס איז פיין. עס קאָסט אויך ביליג.

— איך וויל ניט דו זאָלסט אויסגעבען אויף מיר אַ סך געלט. פאַרשטעהסט?

— יו אַר איזי טו פּליז (עס איז גרינג דיך צופרידענצושטעלען).

— דו רעכנסט אַזוי? — האָט זי שטיפעריש־פרעהליך איהם אַ פרעג געטאָן.

— איך זעה דאָך שוין; וואָס איז דאָ פאַראַן אַ סך צו קלערען.

— דו קענסט מיר נאָך ניט צו־גוט, לאַרי — האָט עלינאָר אַלץ געשפּאַסט.

— איך האָב דיר דאָס שוין אַמאָל געזאָגט — האָט זי איהם דערמאָנט.

— וויפיל צייט דאַרף דאָס נעמען ביז איך וועל דיך גוט דערקענען?

— אָ, אַ לאַנגע צייט — האָט עלינאָר זיך אַ רייס געטאָן מיט איהם.

זי איז שוין אַזוי פיל געווען זיכער מיט איהם, מיט זיין ליבע, אַז זי האָט זיך שוין געקענט ערלויבען אַזוי צו שפּאַסען און צו רייצען זיך מיט איהם. און לאַרי'ן איז אַפילו געפעלען דער שטיפערישער טאָן איהרער.

---

לאַרי'ן איז שפּעטער אויסגעקומען זיך אָפט צו איבערצייגען, אַז עס איז אמת, אַז ער קען נאָך ניט גענוג זיין עלינאָר'ן, אַזוי ווי איהם האָט זיך געדאַכט.

דאָס איז געווען אין איינעם אָוונט, ווען ער איז געזעסען מיט עלינאָר'ן ביי איהר אין שטוב און זיי האָבען ווי געוועהנליך גוט פאַרבראַכט. עלינאָר איז יענעם אָוונט געווען אַ ביסעל אומרוהיג און צופיל שטיפעריש. עס איז געווען אין אַ שבת ביינאַכט און איהר האָט זיך געגלוסט ערגעץ געהן פאַרברענגען.

זי האָט לאַרי'ן וועגען דעם גאָרניט געזאָגט, ווייל זי האָט געוואוסט ער וועט נעמען איהר אָפּריידען פון דעם. זי האָט די לעצטע וואָכען שווער געאַרבייט אין סקול, געדאַרפט נאָך נעמען אַהיים אויף איבערקוקען די אַרבייט פון איהרע שילער. לאַרי וועט זאָגען, אַז זי דאַרף זיך בעסער אויסרוהען און געהן פריה שלאָפען.

איהרע שטימונגען האָבען דורכ'ן אָוונט עטליכע מאָל זיך געביטען. איין מאָל איז זי געווען שטאַרק פרעהליך, געלאַכט פון יעדער קלייניגקייט, און איהר געלעכטער איז געווען פול און פרוי. אין אַ ווײַלע אַרום איז זי געוואָרען צוגעשטילט, האָט גאָרניט געזאָגט, נאָר אויסגעזעהן דערמאָלט אומעדיג־פאַרבענקט.

צוזאַמען מיט איהרע שטימונגען האָט זיך געביטען דער אויסדרוק פון איהר פנים. איהרע אויגען טונקעלע, שיינענדיגע, האָבען געהאַט אַזאַ מאָדנעם אויסדרוק, וואָס לאַרי'ן איז שווער געווען עפּעס פון זיי אַרויסלייענען. אָט דער אויסדרוק פון איהרע אויגען האָט איהם אַלעמאָל געריצט און צוגעצויגען צו זיך. איהם האָט זיך דערמאָלט געדוכט אַז עס שטעלט איהר ניט צופרידען איהר געוועהנליכער לעבען, און אַז זי איז באַשאַפען פאַר העכערע זאַכען. ער איז געשטאַנען לעבען איהר, איהר אָנגעקוקט, און ניט געקענט אָוועקרייסען זיין בליק פון איהר.

— עס זעהט אויס ווי דו ביזט פאַרליבט, לאַרי — האָט עלינאָר זיך אַ ציה־געטאָן צו איהם, זעהענדיג דעם אויסדרוק פון זיינע אויגען.

—איך בין פאַרליבט? וואָס פעלט דיר איין? — האָט ער איהר אַרומגענומען און געקושט. עלינאָר האָט זיך איינגענורעט אין זיין אַקסעל.

— מיר וואָלטען געדאַרפט געהן צו אַ „מידנאַיט שאָו“ היינט. ס'איז שבת ביינאַכט — האָט זי אַרויסגערעדט ווי פיעסטשענדיג זיך פאַר איהם.

— איצט? אַזוי שפּעט? — האָט לאַרי אַ קוק געגעבען אויפ'ן זייגער.

— אין לאָ'ס מוּאווי־טעאַטער. עס איז נאָר עטליכע בלאָק פון דאַנען.

— ניין, עלינאָר, ניט היינט—האָט ער איהר אָפּגערעדט פון דעם.

— פאַרוואָס ניט היינט, לאַרי?

— עס וועט זיין צו־שפּעט צו קומען אַהיים, פאַר מיר, פאַר דיר...

— מאָרגען איז זונטאָג. דו קענסט דאָ בלייבען נעכטיגען אויב דו ווילסט. איך וועל מאַכען פאַר דיר אַ געלעגער דאָ אין ליווינג־רום. ווילסט?

לאַרי'ן האָט אַ ווײַלע אַ רייץ געטאָן דער געדאַנק פון נעכטיגען דאָ, ביי עלינאָר'ן אין שטוב. נאָר באַלד האָט ער זיך באַטראַכט. איהם האָט געאַרט פאַר עלינאָר'ן.

— דו ביזט צופיל אויסגעמאַטערט, עלינאָר. דו פאַרנוצט צופיל ענערגיע.

— דו רעדסט ווי אַ גוטער דאָקטאָר, לאַרי.

אַלע מאָל, ווען עלינאָר האָט געזעהן ווי ער היט איהר אַזוי אָפּ, לאַרי, האָט דאָס איהר געמאַכט פיהלען גוט, און זי איז אין האַרצען איהם געווען דאַנקבאַר וואָס ער זאָרגט זיך אַזוי פאַר איהר. נאָר היינט האָט עס איהר אויסגעזעהן מאָרנע־קאָמיש זיין אָפּהיטען איהר. דאָס האָט איהר דערמאָנט אַן איהר אַלטען פריינט אייב גאָרדאָן, דער סטודענט, וואָס האָט געוואוינט דאָ אין דעם שכנ'ישען געגענט. ער, אויך, האָט כסדר פאַר איהר זיך געזאָרגט. אנומעלט, ווען זי האָט אייבי'ן דערמאָנט וועגען געהן מיט איהם אין אַ „נאַיט־קלוב“, האָט ער זיך אַזש איבערגעשראָקען פון דעם געדאַנק צו פירען איהר אין אַזאַ פּלאַץ.

— דו ביזט שוין באַלד אַזוי ווי אייב — האָט עלינאָר זיך ניט־ווילענדיג צולאַכט, דערמאָנענדיג זיך אַן דעם.

— אייב? ווער איז דאָס דער אייב? — האָט לאַרי איהר אַנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— אָה, אַ באָי פון דער נעיבאָרהוד (שכנ'שאַפט). דו קענסט איהם אפשר. ער איז אַ קאָלעדזש־באָי. ער באַלאַנגט אויך צו דעם „באַנטש“ פון מיינע פריינט.

לאַרי האָט זיך ניט געקענט דערמאַנען אויב ער האָט אייבי'ן ווען־עס־איז באַגעגנט. ער איז שטאַרק נייגעריג געוואָרען צו דערוויסען זיך מעהר פון איהם.

— דו זעהסט איהם אָפט, דעם אייבי'ן? וואָס איז ער פאַר אַ סאָרט באָי?

—יע. ער קומט אָהער אָפט. מיר קענען זיך נאָך פון סקול, ווען מיר זיינען ביידע נאָך יונגע קינדער געווען... נאָך דאַמאָלט...

— דו זאָגסט ער איז אַ פריינט דיינער און ער קומט אָפט? — האָט לאַרי איהר ניט געלאָזט ענדיגען און מאָדנע זיך איינגעקוקט אין איהר.

— אָה, יע, ער איז זעהר אַ פיינער, אַ גוטער פריינט. ביי־די־וועי — האָט זי זיך געגעבען אַ דערמאָן — ער איז שוין לאַנג דאָ ניט געווען. איך וואונדער זיך שוין.

לאַרי האָט זיך אָוועקגעזעצט אין אַ טיפען שטול. ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— דיר הי מעיק לאַוו טו יו? (האָט ער זיך דיר ערקלערט אין ליבע?)

עלינאָר האָט זיך צולאַכט. זי איז צוגעגאַנגען צו לאַרי'ן, אַ כאַפּ געטאָן איהם פאַר אַ האַנט.

— דו ביזט געוואָרען אַזוי ערנסט. לאַרי, פּליז. וואָס איז דער מער מיט דיר?

— דו האָסט מיר קיינמאָל ניט דערצעהלט אַז דו האָסט אַזאַ פריינט.

— וואָס איז דאָ געווען צו דערצעהלען? — האָט זיך עלינאָר געוואונדערט.

זי האָט אַ טראַכט געטאָן:

— „ער איז איימפּערזיכטיג, לאַרי“ — ס'איז קאָמיש! אייב גאָרדאָן האָט קיינמאָל ניט פאַרנומען קיין אָרט ביי איהר. אַפילו אין איהרע געדאַנקען האָט זי קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען איהם ווי וועגען אַ געליבטען.

— איך וועל דיר באַקענען מיט אייב גאָרדאָן, ווילסטו? — האָט זי איהם געוואָלט אַרויסנעמען פון זיין פאַרדאַכט. — ווען דו זעהסט איהם, וואָלסט דו אַליין געוואוסט, אַז איך קען זיך אין אַזאַ באָי ווי אייבי ניט פאַרליבען.

— אוודאי וויל איך זיך מיט איהם באַקענען — האָט לאַרי זיך אַ כאַפּ געטאָן.

עלינאָר האָט זיך צוגעזעצט צו איהם אויפ'ן ווייכען שטול, מיט איין האַנט אַרומגענומען זיין האַלז, און אויסגעדרייט זיין קאָפּ אַזוי, ער זאָל איהר קענען זעהן:

— קוק אויף מיר, לאַרי — האָט זי אַרויסגערעדט שוין מעהר ערנסט. — זעה איך דען אויס אַזוי ווי איך וואָלט דיר געקענט פאַרראַטען?

— ניין, — האָט לאַרי איהר אַרומגענומען און צוגעצויגען צו זיך.

זיצענדיג אַזוי דאָ מיט לאַרי'ן אויפ'ן גרויסען שטול, האָט עלינאָר איהם מעהרער דערצעהלט פון אייב גאָרדאַנ'ען, אַז ער איז ניט קיין שעהנער אויפ'ן אויסזעהן; ער איז צו הויך און צו־דאַר; ער טראָגט אויגען־גלעזער, ווייל ער איז אַ קורצזיכטיגער; ער איז אומגעלומפּערט אין זיינע מאַניערען, און ניט געשיקט אין פאַרפיהרען אַ שמועס מיט אַ מיידעל, און דערפאַר האָבען איהם די מיידלעך ניט ליב.

— פּור באָי — האָט שוין לאַרי געשמייכעלט, — און עלינאָר האָט ביי איהם געפרעגט:

— דו ביזט שוין ניט אין כעס אויף מיר, לאַרי?

— ניין, עלינאָר, ווי קען איך זיין אויף דיר אין כעס?

לאַרי איז אַנטשוויגען געוואָרען, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ איבערגעטראַכט דעם גאַנצען ענין:

— וואָס פאַר אַ קורס נעמט ער אויף אין קאָלעדזש, דער אייב גאָרדאַן?

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

— ער נעמט דערווייל אויף ,סייענס' (וויסענשאפטען): ביאלאגיע, כעמיע, פיזיקס. ער איז זעהר גוט אין רי־סוירטש, אין פארשונגס־ארבייט.

עס האט געדויערט א לאנגע צייט, ביז לארי האט געקענט אוועקמאכען פון געדאנק די גאנצע געשיכטע מיט אייב גארדאנ'ען אין יענעם אָוונט.

„ער האט מיך ליב, לארי. ער איז איפערזיכטיג. דאס איז דער בעסטער באווייז פון זיין ליבע". — אזוי האט עלינאר א טראכט געטאן נאכדעם ווי לארי האט זיך געזעגענט און איז אוועק צו זיך אהיים. זי האט זיך גע־פיהלט אויפגערודערט און דאך צופרי־דען פון דעם גאנצען היינטיגען אָוונט.

אייב גארדאן, דער קאלעדזש באי, עלינאר'ס לאנג־יאהריגער פריינט, איז געווען דער זוהן פון די גראסערילייט איפ'ן ראג פון גאס, דיזעלבע גאס, וואו עלינאר האט געוואוינט. דורך די ווייבער, וואס קומען איינקויפען אין סטאר, האט ער זיך דערוואוסט, אז עלינאר האט געקואגען א „סטעדי־באי" און אז אין גיכען וועט זי מיט איהם חתונה האבען.

דאס איז געווען אין איינעם א ביי־טאג, ווען אייב איז אריינגעקומען אין סטאר. ער האט געדארפט וועגען עפעס זיך דורכריידען מיט זיין מאמען. האט ער דארט געזעהן ווי א רעדעל ווייבער זיינען געשטאנען ביים טיר און דערצעהלט זיך איינע די אנדערע די נייעס פון „בלאק", ווי זיי פלעגען דאס אלע מאל אזוי טאן.

— איהר האט שוין געהערט די נייעס פון קייוקינ'ס טעכטער'ל, — האבען זיי צווישען זיך גערעדט. — זי געהט שוין ארום מיט א נייעם באי.

— זאל דאס נאר זיין אויף לאנגע יאהר.

— ניין, עס זעהט אויס דעם מאל אז דאס איז שוין א סטעדי באי.

— א פיין קינד פונדעסטוועגען, די עלינאר.

— זי איז א שלענגעלע — (א שלעכטס) — אזוי ווי איהר מאמע.

— כ'האב איהר געזעהן געהן מיט איהם. זעהט זיך אן א פיינער באי.

— יע, גאר א וואזשנער באי, מען זאגט ער איז שוין א דאקטאר...

אייב איז געשטאנען ווי א צוגע־פרוירענער צום ארט און האט אויס־געהערט דעם גאנצען שמועס. דערנאך האט ער זיך געגעבען א יאג ארויס פון סטאר און ער האט ניט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט איהם פון גרויס אויפרעגונג. ער האט דאך איהר אזוי שטארק ליב געהאט, עלינאר'ן. ער האט גאר אליין ניט געוואוסט אויף וויפיל ער האט איהר ליב. נאר איצט, דערהערענדיג די נייעס, אז זי באַ־לאנגט שוין צו אן אנדער באי, האט ער דערפיהלט דעם פארלוסט מיט זיינע אלע חושים.

ער האט, דוכט זיך, גאנץ גוט גע־וואוסט, אז קיינמאל וועט עלינאר איהם ניט אויסקלייבען פאר איהר באַ־שערטען און זי וועט מיט איהם ניט חתונה האבען. אויף וואס האט ער געהאפט, דער נארישער אייב? וואס האט ער געהאט אין זינען?

זי איז איהם געווען נאהענט און ליב, עלינאר. נאך פון די סאמע ער־שטע יאהרען ווען זיי זיינען ביידע צוזאמען אין סקול געגאנגען און ער פלעגט איהר ארויסהעלפען אין מאכען איהרע לעקציעס פון מאטעמאטיק. שפעטער האט ער איהר ליב געקראגען מיט אן אנדער ליבע, ווען זי האט זיך אזוי שעהן צובליהט, אין דעם איבער־גאנג פון ווערען א פרוי. איהרע יונג־מיידעלשע, בויגיגע גלידער האבען געוועקט אין איהם נייגעריגקייט און לוסט צו איהר. ס'איז געווען די פרעמ־דע, פרוי'אישע וועלט, וואס האט גע־רייצט זיין פאנטאזיע. נאך ער איז אלע מאל געווען פארשלאסען אין זיך און ניט ארויסגעוויזען זיינע באזונ־דערע געפיהלען צו איהר. ער איז נאר געווען א גוטער פריינט און מעהר ניט.

אייב האט געקענט זיין גוט און אויסצייכענען זיך אין וויסענשאפטען, און זיינע פארשונגס־ארבייטען, „רי־סוירטש", האבען די פראפעסארען אין קאלעדזש אלע מאל געלויבט. ער איז געווען איינער פון די בעסטע סטו־דענטען דארט. נאר אז ער איז געקו־מען אין דער געזעלשאפט פון מייד־לעך, איז ער געווען אומבאהאלפען און האמעטנע, און די מיידלעך האבען זיך פון איהם געזייטיגט. זיי האבען גאר ניט געהאלטען פון איהם.

עלינאר איז געווען די איינציגע מיידעל, וואס איז געווען מעהר צוגע־לאזען צו איהם. ער פלעגט אהיינקו־מען צו זיי אין שטוב, ווען זי און איהר מאמע זיינען געווען אזוי עלענט. עלי־נאר האט דעמאלט געוואלט ער זאל קומען. ער איז געווען אן אמת'ער פריינט אין א צרה, און ער האט איהר אפגעהיט ווי נאר ער האט געקענט. ער האט איהר אין דער שטיל ליב גע־האט, און ער איז געווען גליקליך וואס זי דארף איהם האבען.

איצט האט ער געפיהלט, אז אלץ איז שוין געענדיגט. עלינאר האט געקראגען א „סטעדי באי". וואס וועט איצט זיין מיט איהם? איהם האט זיך געדאכט, ווי אלץ מיט איהם האט זיך געענדיגט און ער איז געווען זעהר דערשלאגען.

ער האט אויף עלינאר'ן ניט געטרא־גען קיין פארדרוס. ער איז איצט צייטענווייז אין כעס געווען אויף זיך אליין. פארוואס האט ער איהר קיינ־מאל ניט דערצעהלט ווי שטארק ער האט איר ליב? געדארפט געווען עפע־נען פאר איהר דאס הארץ. נאך באלד האט ער א טראכט געטאן זויף צוריק. עס איז גוט וואס זי ווייס ניט. ווען ער וואלט גערעדט, וואלט זי אפשר גאר אפגעלאכט פון איהם.

געווען צייטען, ווען ער האט טיף אין הארצען ביי זיך אויף עפעס גע־האפט. עלינאר האט געקענט זיין אזוי ליב, אז זי האט נאר געוואלט. ער פלעגט געהן מיט איהר שפאצי־רען, און זי פלעגט איהם אלץ דער־צעהלען. און אמאל פלעגען זיי געהן צוזאמען פארברענגען אין א מאווי, און עלינאר פלעגט איהם נעמען אונ־טער'ן ארעם און זיך צוטוליען צו איהם. זי האט איהם שיער ניט א קוש געטאן. ער האט געוואוסט, אז דאס איז א מיידעלשער חנ'דעל אזא. נאר דערווייל איז איהם געווען גוט פון דעם.

ניין, ער האט ניט געקענט זיין אויף איהר אין כעס, נאר ער האט געמוזט איהר איצט אויסמיידען. עס איז צו שווער געווען איהם פאר איהם איצט איהר צו זעהן. האט ער זיך ארומגעדרעהט איבער די גאסען פארלאזען און איינער אליין. אפטמאל האט ער איהר אפ־געוואַרט יוען זי פלעגט געהן פון סקול. נאר אז ער האט איהר דערזעהן פון דער ווייטען האט ער ניט געקענט צוגעהן צו איהר. ער איז אנטלאפען נאך איי־דער זי האט איהם באמערקט. און אין הארצען האט איהם דעמאלט געקלאפט ווי מיט האמערס.

אייב איז געווארען ביי זיך שטארק געפאלען און עס איז איהם אפילו שווער געווארען דאס לערנען אלע טאג אין קאלעדזש. צוליב וואס דארף ער דאס אלץ האבען?

אייב האט ניט געהאט קיין גוטע, ווארימע היים. זיין טאטע־מאמע זיי־נען שטענדיג געווען פארנומען אין גראסערי־סטאר. די שטוב איז געווען אפגעלאזען און די קינדער זיינען דעם גאנצען טאג ארומגעלאפען איבער דער גאס, פריי צו טאן וואס זיי ווילען. גרוי און וואכעדיג איז זייער לעבען געווען. און אייבי, דער עלטסטער פון דער פאמיליע, האט זיך געריסען פון אזא היים. ער האט געשטרעבט נאר צו לערנען, און צו קענען עפעס אנ־דערש דערגרייכען ווי זיין טאטע־מאמע.

אייב האט אויך געהאט זיינע חלומות. ער האט ליב געהאט דאס לערנען אין קאלעדזש, וואו ער האט אזוי גוט זיך אויסגעצייכענט אין וויסענשאפטען. ווער ווייס, „סאם־דעי" וועט זיך איהם איינגעבען עפעס ער־פינדען. זיין נאמען וועט ווערען באַ־וואוסט, און עלינאר וועט דערזעהן זיין אויפטו, און דעמאלט, ווער ווייס, אפשר?...

אייב'ס היים האט זיך געפונען אין דער הויך איבער דער גראסערי־סטאר. דריי קליינע צימערלעך. עס איז דארט געווען ענג און שטיקענדיג, און אר־מעטום אנגעווארפען. די קינדערשע זאכען, וואס די מאמע האט קיין צייט ניט געהאט אויפצוקלייבען און צו לייגען אלץ אויף אן ארט. אייב האט דארט געהאט זיין ווינקעל, אין איינעם פון די צימערלעך, ביי א טישעל לע־בען פענסטער, וואו ער פלעגט זיצען איבער די ביכער און שטודירען זיינע לעקציעס.

איצט האט זיך אייב'ן געדאכט, אז ער האט ניט צוליב וואס צו ארבייטען און לערנען זיך, און ער האט ניט אויף וואס צו האפען, אז עלינאר איז פאר איהם ניטא. צוליב וואס דאס גאנצע אנשטרענגען זיך? ער דארף גאר־נישט האבען...

ער האט ניט געקענט נעמען זיך צו די ביכער און ער איז געלאפען פון שטוב אונטען אין גאס און צוריק. אזוי זיינען אוועק א סך טעג און וואכען. זיין ארבייט האט פון איהם געמאנט, און ער איז געווען פארצווייפעלט. מיט איבערמענשליכע כוחות האט ער זיך אנגעשטרענגט ניט צו פארפעהלען א טאג אין קאלעדזש. אין יענע שווערע טעג איז ער געלאפען צו איינעם פון זיינע חברים־סטודענטען און דארט מיט איהם צוזאמען געלערנט, אז ער זאל ניט דארפען זיין אליין מיט זיך.

אייב האט וועגען לארי'ן ווייניג גע־וואוסט. ער האט נאר איינמאל פון דער ווייטען זיי ביידען געזעהן געהענ־דיג, איהם און עלינאר'ן. א שעהנער מאנספארשוין, א הויכער און ברייט־פלייציגער, מיט אן ענערגישען גאנג. ער האט געהאלטען עלינאר'ן אונטער'ן ארעם און זי האט זיך אזוי איינגעטו־ליעט אין איהם. א שטאך פון אייפער־זוכט האט אייב דעמאלט אין זיך דער־פיהלט. ער האט דאך וואויל געוואוסט זיין אייגענעם אויסזעהן, זיין דארען גוף, אביסעל אויסגעבויגען פאראויס; זיינע לאנגע הענט און פיס, און די שמאלע פלייצעס. און ווי האמעטנע ער האלט זיך אין געזעלשאפט. ער האט זיך געפיהלט אנטקעגען לארי'ן נישטיג און נעבעכדיג איצט. אין איהם, אייבי'ן, קען מען זיך נישט פאר־ליבען. יע, ניט אומזיסט איז זי אזוי פארקאכט אין לארי'ן.

(ווייטערס — מארגען)

# פון פאָלק צום פאָלק

## וועגען אונזערע פרומע באַזאָרגערס

ווערטהער רעדאקטאר!

לעצטען דאנערשטאג אין דער פריה, זיך צוהערענדיג צו דער דאבעליו־אי־ווי־די ראדיא, האב איך געהערט א שרייענדע שטימע אין אידיש, וואס האט זיך געבייזערט שטארק און פאר־לאנגט פון די הערער, אז זיי זאלען זעהן, אז דער שפייז־מארקעט וואס געהט זיך עפענען אין אידישען נעי־באַרהוד, זאל זיין געשלאסען שבת. ער האט געליארעמט, אז מען זאל ניט דערלאזען אז דער שבת קודש זאל חס וחלילה מחלל ווערען און האט גע־שריען: זכיר את יום השבת לקדשו, און אז יעדער איד וואס וואוינט אין דעם נעיבארהוד איז מחויב צו געהן צו די בעלעבאטים פון דעם מארקעט און זיי אנזאגען, אז דער מארקעט זאל ניט זיין אפען פאר ביזנעס אום שבת.

וועל, איך בין א שול־איד, און היט־אפ אידישקייט, וויפיל עס איז מעגליך אפצוהיטען. אבער אמעריקע איז א פרייע לאנד, וואו יעדער מענש קען טאן און אפהיטען זיין וועג אין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, אזוי לאנג ווי ער באנעהט ניט קיין פארברעכען בין אדם לחבירו, אבער זאכען וואס מען טוט בין אדם למקום, זאל זיך יע־דער טאן ווי ער וויל און פארשטעהט אס בעסטען. ווי וואלט דער מגיד גע־פיהלט, ווען ביי די גויים זאל מען אנ־זאגען צו זייערע גלויביגע, אז זיי זאלען ניט קויפען ביי די יענינע מארקעטס וואס האלטען אפען זונטאג? זאלען אונזערע אידישע פרומע פארזארגערס זיך אליין פארזארגען מיט זייער פרומ־קייט, און מיר פאלקס־אידען וועלען זיך אויך אליין באמיהען צו טאן דאס בעסטע צו גאט און צו לייטען.

איהר אליין קענט טאן אלעס לויט'ן שולחן־ערוך, אבער זעהט ניט ארויפצו־צווינגען דאס וואס איהר טוט אויף די אנדערע פון אונזער פאלק. דערווייל זעהען מיר, אז ביי אונזערע רבנים פעהלט נאך אויך א סך יושר... ווען מיר אידען װארטען און פארלאזען זיך אויף אייך שולחן־ערוך־אידען, וואלט נאך אונזער אידישע מלוכה אין ארץ ישראל ניט געווען. אלזא, פיהרט זיך פרום מיט אייער גאנג, און לאזט דעם כלל אידען טאן ווי זיי פארשטעהען, און זאל זיין שלום בישראל.

מרדכי פלאגער,
1970—74טע סטריט,
ברוקלין, נ. י.

## ניט - לאַנג - אַריבערגעקומענע פון רוסלאַנד דער־צעהלט וואָס זי האָט דאָרט איבערגעלעבט

געעהרטער הערר רעדאקטאר!

איך בין א פאר מאנאט אין לאנד, אבער איך האב שוין געלעזען אייער געשעצטע ציטונג אין די קעמפס אין דייטשלאנד. איך פלעג באקומען דעם „פארווערטס" מיט פאקעטען און פלעג איהם לייענען מיט גרויס פאר־גענינגען. איך בין איינע געבליבענע לעבען פון א גרויסער פאמיליע. איצט, ווען איך בין געקומען אין דעם גאלדע־נעם לאנד, וועל איך לייענען נאר אייער טייערען „פארווערטס". איך וויל אייך דא שרייבען פון מיינע איבערלעבע־נישען אין סטאלינ'ס לאנד. אין 1939־טען יאהר האבען מיר געהאט די ערשטע מחותנים די רוסען אין פוי־לען. איך געדענק: ווי זיי זיינען ארייג־געפאהרען אין שטאט האט מען זיי באגעגענט מיט ברויט און זאלץ. אין פוילען איז דאך דאן געווען פון אלעם גוטעס. א אידישער סאלדאט איז צו־געקומען קויפען עפעל, זאגט ער צו דער עפעל־פארקויפערין אויף אידיש: „וואס זענט איהר אזוי פרעהליך, וואס מיר זיינען געקומען אהער? איהר דארפט וויינען אויף דעם טאג, וואס מיר זיינען געקומען אהער". אונזערע נייע באלעבאטים האבען גענומען ארויסשיקען אונזערע מענשען פון די הייזער און די ארטיגע קאמוניסטען האבען גענומען אז אנטייל אין דעם. זיי זיינען געגאנגען מיט זיי און אנ־געוויזען די ען־קא־ווע־דע'ליט ווער עס איז רייך, ווער עס האט א פאבריק, ווער עס האט א סטאר. — פלעגט מען אט די אלע מענשען ארויסשיקען אין די סיבירער וועלדער. איך בין געווען איינע פון זיי. אין מיטען נאכט זיינען זיי געקומען צו מיר, און ווי איך בין געשלאפען, אין דער אונטערהעמד, הא־בען זיי מיך צוגענומען, מיר ניט גע־לאזט נעמען קיין זאך פון שטוב. זיי האבען מיר געזאגט, אז אין 15 מינוט וועל איך קומען צוריק. דער סוף איז געווען, אז זיי האבען מיך פארשפארט אין טורמע אין פוילען. מען האט אנ־געטריבען מענשען אין די הונדערטער טויזענטער פאר גאר גיט.

איך בין געזעסען צוזאמען מיט 45 פרויען, זיינען מיר געלעגען איינע אויף דער אנדערער, שמוציגע, הונגעריגע, בארוועסע, נאקעטע מענשען. צוויי מאנאטען האט מען אונז געהאלטען אין טורמע. נאכהער האט מען אונז גאנצע נעכט געפירט צום באן. מיט'ן ערשטען טראנספארט זיינען ארויס 60 טויזענט מענשען. פינף וואכען האט מען אונז געפיהרט נאקעטע, באר־וועסע און הונגעריגע. אין איין וואַ־גאן זיינען מיר געזעסען 75 פרויען. איין מאל אין דריי טעג פלעגט מען אונז געבען צו שטיקלעך ברויט און פאר 75 פרויען 3 עמערס וואסער. פלעגט יעדער פרוי קריגען א קליין ביסעל וואסער, און אזוי האט מען אונז געפיהרט 5 וואכען. עס איז שוין גע־ווען זעהר קאלט ווען מען האט אונז געבראכט אין סיביר.

דארט האט מען אונז פארטריבען אין די וועלדער, נאקעטע מענשען, גע־שוואלענע פון הונגער, שניי ביז'ן קאפ, 5 קוביק מעטער. האלץ האבען מיר געדארפט מאכען א טאג אהן אונ־טערשייד, צי פרויען צי מענער. ריזי־גע בוימער פלעגען מיר דארפען אראפ־זעגען, ביז'ן האלז אין שניי.

קיינער פון אונז לעבען־געבליבענע וועט קיינמאל ניט פארגעסען ווי זיי האבען אונז געמאטערט. צענדליגע טויזענטער מענשען זיינען געלעגען געשטארבענע פון הונגער. די מענשען פלעגען פאלען אזוי ווי סנאפעס פון הונגער. איך בעט נאר ביי גאט, אז סטאלין מיט זיינע העלפער זאלען אלע האבען היטלער'ס סוף, פאר אונזער בלוט און איך האף, אז מיר וועלען זייער סוף אויסבעטען.

פיר יאהר האב איך דארטען אפגע־פינסטערט אין דער פינסטערער סיביר. אין יאהר 1941 האט רוזוועלט גע־פועל'ט ביי סטאלינ'ען, אז מען זאל די פוילישע בירגער ארויסלאזען פון די טורמעס, אבער אזא לעבען זאלען הא־בען סטאלין מיט זיינע קאמוניסטען, וואס סארא לעבען מיר האבען דארט געהאט „אויף דער פריי". איך האב געארבייט שווער און ביטער 16 שעה א טאג און מיינע 5 הונדערט גראם ברויט האט מען מיר אויך ניט געגע־בען, ווייל עס איז ניט געווען. איך האב פארדינט 250 רובעל א מאנאט, אבער ווען עס איז געקומען צום ענדע מאנאט, האט מען מיר אראפגענומען: „פאר'ן פראנט", פאר דער רויטער ארמיי און פאר דעם וואס איך האב קיין קינדער ניט. ווען איך האב בא־קומען הונדערט רובעל, פלעג איך געהן און קויפען פינף פונט קארטאפעל. די פינף פונט קארטאפעל פלעג איך האבען אויף דריי טעג און מיט די קאר־טאפעל האב איך געלעבט און פאר דעם געארבייט א מאנאט צו 16 שעה א טאג. מיר פלעגען ארבייטען 10 שעה א טאג, נאך נאך דער ארבייט פלעגט מען אונז אוועקטרייבען אויס־גרוזעווען (אויסלאדען) א וואגאן צי־געל, און אזוי איז געווען אלע טאג. עפעס וואס אנדערש. א רוסישער מענש וואלט זיך געשעצט גליקליך, ווען ער וואלט האבען צום עסען ־אס וואס עס ליגט אין אמעריקא אין די גארבערדזש־קענס.

ווער לעבט איצט אין רוסלאנד גוט? — סטאלין און זיינע ען־קא־ווע־דע'ני־קעס. זיי ניט מען פון אלעס, אז זיי זאלען קענען מארדעווען די מענשען. איך זאג, אז אוואו נאר א קאמוניסט, דארף מען איהם שיקען קיין רוסלאנד, וועט ער זעהן די גאנצע פאלשקייט. קיין איין אמת ווארט הערט מען דארט ניט.

ג. ה., פיטסבורג, פא.

# אַלעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אין זיין צוהיצטען כוח האט אייב זיך פארגעשטעלט אלערליי בילדער, ווי זי, עלינאר, און לארי פארברענגען צווישען זיך... זיי נעמען זיך ארום און קושען זיך כסדר...

ער וועט דארפען אוועקפאהרען פון דאנען אין אן אנדער שטאט... זיך טראנספערירען אין אן אנדער קאלעדזש. דאס וואלט געווען פאר איהם אן אויסוועג... אנטלויפען פון דאנען, אז זיינע אויגען זאלען גארניט זעהן.

איז וואו זשע וועט ער נעמען געלט אויף לעבען, דארט אין דער אנדערער שטאט? אזוי האט ער געהאלטען אין איין טראכטען. דערווייל האט ער נאר געקענט טאן איין זאך — צו אויסמיידען עלינאר'ן ווי נאר מעגליך. ער האט אויך געקענט זיין פאר'עקשנ'ט און שטאלץ. ער איז געווען זעהר א מאדנער, דער אייב...

———

עלינאר האט שוין באמערקט ווי אייב מיידט איהר אויס. אז זיי באגעגענען זיך, וויל ער זיך ניט אפשטעלען מיט איהר רעדען. זי האט זיך אין אנהויב שטארק געוואונדערט. ער איז דאך געווען איהר בעסטער פריינט ביז איצט, און זי איז געוואוינט געווען איהם פון אלץ צו דערצעהלען. און איצט אנטלויפט ער גאר פון איהר.

געוויס האט זי געהאט אן אהנונג אז ער האט איהר ליב, אייב, נאר זי האט ניט געדענקט, אז זיין ליבע צו איהר זאל זיין אזוי שטארק, אז ער זאל דארפען פון דעם ליידען. אייב האט קיינמאל ניט ארויסגעוויזען אפען וואס ער פיהלט צו איהר. און זי, עלינאר, האט זיך ניט געפיהלט אנט־קעגען איהם שולדיג. זי האט כמעט קיין איין ווארט ניט געגעבען איהם קיין אנצוהערעניש, אז ער זאל קענען אויף עפעס האפען. דאך האט זי זיך דער־פיהלט מאדנע ניט באקוועם. עס האט איהר וועה געטאן פאר אייב'ן. ער איז דאך פון שטענדיג אן געווען איהר געטריי און איבערגעגעבען. אין די ערגסטע צייטען איז ער געווען ביי איהר זייט. זי האט געהאט צו וועמען ארויסרעדען א ווארט, ווען איהר איז געווען שלעכט. אזעלכע זאכען פאר־געסען זיך ניט אזוי גיך...

זי האט שוין אפילו געטראכט, אז זי וועט די צייטען באקענען איהם מיט לארי'ן, און זיי וועלען פארבלייבען פריינט אפילו נאך זייער חתונה. איינ־מאל, אז זי האט זיך פון ערגעץ אומגע־קערט אהיים שפעט אין אוונט, איז אין גאס איהר פארבייגעלאפען עפעס אן איינגעבויגענע און צונויפגעצויגע־נע געשטאלט. דאס איז געווען אייב. ער איז שוין ווידער געלאפען כסתמא פון זיינעם א חבר, וואו ער האט דעם אוונט צוזאמען מיט איהם געלערענט.

— אייב! — האט עלינאר איהם געגעבען א רוף הויך איפ'ן קול.

ער האט ניט געוואלט אפשטעלען זיך מיט איהר, נאר זי האט איהם אנ־געכאפט פאר'ן ארבעל.

— אייב, דו מוזט מיר איצט זאגען: פארוואס אנטלויפסט דו אזוי פון מיר? וואס איז מיט דיר דער מער?

— גארניט — האט אייב זיך אפ־געשטעלט ווי איבערגעוואלד. — איך בין איצט זעהר פארנומען.

עס איז געווען פינסטער אין גאס, און עלינאר האט ניט געקענט זעהן ווי זיין פנים איז בלייך געווארען און זיינע אויגען אונטער די אויגען־גלעזער האבען געגליהט ווי אין פיבער.

— איך האב נייעס פאר דיר — האט זי איהם געזאגט, ניט וויסענדיג ווי אנדערש צו אנהויבען מיט איהם רעדען — איך בין „ענגעידזשד".

אייב איז געשטאנען און געקעמפט מיט זיין פארלאנג ווידער צו אנטלוי־פען פון איהר. ער האט דאך שוין פון דער נייעס געוואוסט, אבער ער האט נאך געצווייפעלט אויב דאס איז אמת. נאר צו הערען דאס זעלבע פון איהר אייגענעם מויל איז שוין געווען צו שווער פאר איהם.

— איך ווייס — האט ער געגעבען א רעד ארויס — איך האב שוין די נייעס געהערט.

— אזוי? פון וואנען ווייסטו? ווער האט דיר דערצעהלט? — האט עלינאר זיך געוואונדערט.

— איך האב געהערט ביי אונז אין סטאר. די פרויען האבען גערעדט.

— אה, יע — האט זי א ווייל'ע צו־געשוויגען. באלד האט זי זיך א כאפ געטאן:

— דו ווייסט די נייעס און דו ווינשסט מיר גאנ'שט צו, אייב?

— אה, יע. זאל זיין מיט גליק. איך ווינש דיר — האט ער איהר אנ־געגעבען פאר דער האנט, און באלד אפגעלאזען עס צוריק. עלינאר האט ווייטער גערעדט:

— דו דארפסט איהם קענען. לארי פינקעל. ער איז אמאל אויך געווען מיט אונזער „באנטש" פריינט.

— א יע. איך געדענק עפעס — האט אייב געענטפערט פארטראגען.

— איך וועל דיך אפשר באקענען מיט איהם. ער וויל דיך אויך זעהן. — האט עלינאר איצט שוין גערעדט מיט א גרינגען געמיט. נאר אייבי'ן האט יעדער ווארט איהרער געמאכט א וואונד אין הארצען. פארליב־טע זיינען אפט שלעכט, זיי זעהען ניט יענעמס ליידען און זיי האבען נאר זיך אין זינען. זי האט איהם גענומען דער־צעהלען וואס לארי טוט און ווי אינ־גיכען וועט ער שוין ענדיגען זיין „אינ־טוירנשיפ" אין האספיטאל און ער וועט דערנאך עפענען אן אפיס.

אייב איז געשטאנען, דעם קאפ אראפגעלאזען, און ער האט גארניט גע־ענטפערט אויף איהרע אלע רייד. און עלינאר האט כמעט אמאל דערפיהלט, אז זי איז געווען ניט טאקטיש.

— דו ביזט דאך מיר א פריינט, אייב, ניט אזוי? — האט זי ביי איהם א פרעג געטאן.

— געוויס בין איך דיר א פריינט. דו דארפסט נאך פרעגען? — האט אייב זיך אפגערופען.

— נו, און ווי געהט עס מיט דיר, אייב? דערצעהל — האט זי איהם גענומען פאנאנדערפרעגען.

— איך וועל אפשר אוועקפאהרען פון דאנען, זיך טראנספערירען אין אן אנדער קאלעדזש.

— קום זיך זעגענען מיט אונז איי־דער דו פאהרסט אוועק...

אייבי'ן האט שטארק וועה געטאן פון דער גלייכגילטיגקייט מיט וועלכער עלינאר האט אויפגענומען די נייעס, אז ער פאהרט אוועק ווייט אין אן אנדער שטאט. איהר איז אלץ איינס. זאל ער פאהרען, זאל ער זיין דא... ער האט האסטיג זיך א ריס געטאן פון איהר ארט, א זאג געטאן עלינאר'ן „א גוטע נאכט" און ער איז פון איהר אנט־לאפען, איבערלאזענדיג איהר אזוי שטעהן אין מיטען גאס. א פאר־וואונדערטע האט זי איהם א ווייל'ע נאכגעקוקט.

ער איז אפגעלאפען אזוי א האלבע גאס. דערנאך האט עס איהם א ציה געטאן אויף צוריק. איהם איז איינגע־פאלען א מאדנער פלאן, צו פארברענ־גען מיט עלינאר'ן נאך איין אוונט צוזאמען אויף צו זעגענען זיך. זי וועט איהם געוויס ניט אפזאגען. ער וועט איהר אויסנעמען ערגעץ אין טעאטער צי אין א מאוווי. ער האט אנגעיאגט עלינאר'ן ווען זי איז שוין געווען נא־הענט לעבען איהר היים. ער האט זיך אנגענומען מיט מוט און ביי איהר א פרעג געטאן האסטיג:

— וואס טוסטו מארגען, מיטוואך? דו וועסט זיין אין דער היים אין אוונט?

— האט זי אוהם איהם געפרעגט. — קום, דו וועסט זיין זעהר וועלקאם. שוין לאנג אז דו ביזט ביי אונז ניט געווען.

— איך וואלט וועלען מיר זאלען ערגעץ געהן צוזאמען, עלינאר.

— וואו ווילסטו מיר זאלען געהן?

— האט זי איהם אנגעקוקט פארוואונ־דערט.

— דו האסט אמאל געזאגט דו וואלסט וועלען געהן מיט מיר אויף בראדוועי, געדענקסט?

זי האט שוין פארגעסען. און זי איז ניט געווען זיכער אויב זי וועט מאר־גען זיין פריי. לארי וועט אפשר קומען. אייב האט געזעהן ווי זי איז ניט בא־שלאסען:

— נו, גוט, דארף מען ניט. — האט ער זיך שוין ווידער א קער געטאן צו געהן.

— ווארט א ווייל'ע, אייב! — זי האט זיך דערמאנט ווי לארי האט איהר געזאגט, אז ער וועט היינט די גאנצע וואך זיין פארנומען.

— גוט, אייב. קום צוגעהן מארגען. איך האב גראד א פרייען אוונט.

— איז געהען מיר אויף בראדוועי?

— האט אייב אויסגערופען א דערמונ־טערטער.

— גוט, זאל זיין אויף בראדוועי. — האט זי איינגעשטימט און זיי האבען זיך צוזעגענט.

———

(ווייטערס — מארגען)

# מעגען די געראַטעוועטע אידען נעמען געלט ביי דייטשלאַנד?

(שלוס פון פעידזש 3)

יעדער טאג געטא און לאגער מוז אויך באצאלט ווערען.

ווילט זיך טאקע וויסען: וואס האט מען דא געשאצט? וואס האט מען דא געוואויגען און געמאסטען ביים האנדלען איבער'ן פרייז פון א דורכ־געלעבטען געטא־טאג?

מיט וואס האט מען זיך גערעכענט ווען מען האט געטיילט, אז פאר דעם קען מען באצאלען און פאר דעם נישט, דאס לאזט זיך דעקען מיט דייטשישע מארקען און דאס נישט? ווי איז עס געמאכט געווארען די גרענעץ; אדרבה, ווייזט וואו עס קען אזא גרענעץ גע־צייכענט ווערען.

ווייל לויט מ ה, קענען קיין שום צוטיילונגען נישט געמאכט ווערען. נישטא קיין שער וואס זאל קענען צושניידען דאס דורכגעלעבטע גרויל־קאפיטעל. יעדע שעה לעבען אונטער'ן דייטש, יעדער שטויס אדער טריט פון זיין געקאוועטען שטיוועל איבער אונ־זער גוף, האט נישט נאר באדייט פיזי־שער ווערהטאג, נאר קודם־כל מאראלי־שע דערנידערונג, גייסטיגע פייניגונג, וואס קען קיינמאל נישט באצאלט ווערען.

און נישט וועגען געוויינליכע ארעס־טאנטסקע ארבייטס־טעג וואס לאזען זיך אפשאצען און איינמאנען דארף גערעדט ווערען, נאר וועגען ג ע ט א־ ט ע ג — טעג, וואס האבען מיט זייערע גרוילקייטען קיין שום גלייכען נישט אין קיין שום געשיכטע־צייט.

„אבער וואס איז מיט דעם צוגע־רויבטען אידישען פארמעגען? זאלען מיר עס איבערלאזען צו די רוצחים און צו זייערע יורשים, ווייל עס איז מאַ־ראליש מוקצה געווארען?" — פרעגט דר. שלמה ביקל אין זיין ארטיקעל „די אידען און דייטשלאנד". „דער דייטשער הונט", שרייבט ער, „האט געמארדעט און פארקריפעלט מיליא־נען אידען; זאלען מיר איהם דערפאר פון פאראכטונג וועגען צוּוואַרפען אויך דעם פארמעגען פון די געמאר־דעטע און פארקריפעלטע?"

און עס ווילט זיך מיר אויף דער פראגע אפענטפערען לויט'ן אידישען נוסח, אויך מיט א פראגע:

האבען מיר דען שוין דאס פארמע־גען פון אונזערע דערמארדעטע אין אונזערע הענט און ס'איז נאר אן ענין פון נעמען אדער לאזען עס ביי די דייטשען? מיר ווייסען דאך אוים־געצייכענט, אז כמעט אין יעדער דייטשישער שטוב (און נישט נאר דייטשישער) געפינט זיך אידיש האב־און־גוטס; אומעטום, וואו איהר זאלט זיך נישט געבען קיין קער, אויף די גאסען, דייטשישע געשעפטען, פאב־ריקען, ווארשטאטען, אומעטום טרעפט מען זיך אן מיט צוגערויבטען אידישען פארמעגען. דערמאנט זיך די ציפערען פון וואגאנען קליידער, פוטערווארג, שוכווארג, ברילען, קינסטליכע ציינער, קינדער־וועגעלער, שפילצייג און אנ־דערע זאכען, וואס פלעגען ארויסגע־פירט ווערען פון די געטאס און לא־גערען פון אשוויענטשים, טרעבלינקע, מאידאנעק; רעכענט נאך צו דעם צו די פארניכטעטע אידישע היימען, צו־ראבירטע געשעפטען, פארברענטע גע־טאס. וועט איהר דאס אלעס אמאל צוריקפאדערען? און ווען יא, וועט מען אייך עס צוריקגעבען? ס'איז דאך קלאר, אז דאס וואס איז צוגע־רויבט געווארען וועט קיינמאל נישט געדעקט ווערען. איז וועגען וואס האנ־דעלט זיך עס אין דער ווידערגוט־מאכונג? וועגען 150 מארק וואס די דייטשען זיינען באשטאנען צו צאַ־לען א לעבענגעבליבענעם אידען פאר א חודש געטא אדער לאגער־לעבען.

פולשטענדיג גערעכט איז ה. לייוויק ווען ער שרייט־אויס: א שפיי־טאן דארף מען אויף דעם און גארנישט נעמען. ווייל אין פארגלייך צו דעם, וואס מען האט פארלארען און וואס מען האט פון אונז צוגערויבט, איז די דאזיגע באצאלונג א נישטיגער צוגעווארפענער ביין.

כ'וויל מען זאל מיך גוט פארשטעהן. עס האנדעלט זיך דאך נישט וועגען אן אינ־דיווידועלער פערזאן, וועלכע קען אפנעמען איהר געשעפט אדער צו־ריקקריגען איהר וואוינונג. עס געהט וואס איז נוגע אלע דייטשען און אונז לעבענגעבליבענע אידען.

איז דאך קיין שום צווייפעל נישט, אז די דייטשען קענען טראכטען, אז אזא „ווידערגוטמאכונג" איז א טייל־ווייזע דעקונג פון דעם רויב, וואס מען האט זיי איינגערעדט, אז זיי קומען די אידען. און אויב עס געהט שוין אין דייטשען, פארלאזט זיך אויף זייערע וויסענשאפטסלייט. זיי וועלען אייך נאך קענען אמאל באווייזען, אז א אידישער קאפ איז אין דער צייט פון קריג נישט ווערט געווען מעהר ווי פיר־פינף מארק און אויב אזוי, האבען זיי שוין לויט זייער חשבון איבערגעצאלט און עס קומט זיי נאך א רעשט. אפילו דר. שלמה ביקל, וואס האלט פאר זעלבסטפארשטענדליך דאס נעמען די „ווידערגוטמאכונג", דריקט אויך אויס צום סוף פון זיין ארטיקעל די מורא, אז דייטשלאנד קען וועלען פרואווען זיך באפרייען פון איהר מאַ־ראַלישער שולד.

פרעגט זיך טאקע: דארפען מיר זיי געבען די קלענסטע געלעגענהייט פון קענען זיך ארויסדרעהען פון זייער שולד־געפיהל?

דארף מען דורך א געלט־סומע גע־בען זיי די מעגליכקייט אפילו פון א נישטיגער רעהאבילעטאציע?

ווי קען מען פארשטעהן דאס שנעלע זעצען זיך צום טיש מיט פארשטעהער פון דייטשישען פאלק און דינגען זיך איבער אונזערע גרויליג־דורכגעלעבטע טעג? וואס פאר א דייטשען די פאר־שטעהער זאלען נישט האבען געווען, ביי אונז זיינען זיי קודם־כל דייטשען וואס טראגען די מיט־פאראנטווארט־ליכקייט און מיט־שולד פאר דעם, וואס מען איז לגבי אונזערע נאהענטסטע און לגבי אונז באגאנגען. פאר אונז זיינען זיי דייטשען, וואס האבען דורך די לעצטע עטליכע יאהר, אויסער מיט א פאר מארק, נישט ארויסגעוויזען עפענטליך קיין שום תשובה אדער חרטה געפיהל פאר דעם וואס זיי האבען אפגעטאן. פארקערט, לייענט די פרעסע פון די לעצטע טעג, לייענט די דערקלערונגען פון ארטיגע אידישע געזעלשאפטליכע טוער וועגען שטייגענדיגען דייטשישען אנטיסעמיטיזם, הערט זיך איין אין דער ווארנונג פון דעם אמעריקאנער הויך־קאמישאנער אין דייטשלאנד דזשאן מעקלאי צו דער ארטיגער באפעלקערונג. ער ווא־רענט די דייטשען פאר דער ווידער־אויפלעבונג פון נאציזם, פאר זייער חוצפה'דיגער האלטונג לגבי דער אקו־פירטער מיליטער־[illegible] מאכט און פאר זייער שטארקען נאציאנאליסטישען גייסט, וואס ווערט אנגרייפעריש.

יא, מיר לעבענגעבליבענע מוזען פארבאהאלטען אונזער צוגאנג צום דייטש אין דער פולער מאס.

ווער־ווער — עס קענען אונטער־האנדלען און קאנפערירען מיט זיי רוסלאנד אדער די אליאירטע. זיי קע־נען זיך רייסען איבער סימפאטיעס פון דייטשישען פאלק. זיי קענען ווע־לען געפינען צו איהם א צוגאנג פון אזא אדער אנדערען שטאנדפונקט — זיי מאכען פאליטיק. אבער מיר, ניצול געבליבענע, טראגען נאך אין זיך און מיט זיך אונזער בראך. און נישט קיין שטיקלעך און ברעקלעך דארפען מיר פון זיי נעמען, נישט פארביליגען און צופיצלען אונזער חשבון מיט זיי, נישט קיין טיילעכלעך מאנען, נאר געשיכטליך נאכגעהן זיי ווי א פייער־דיגע בייטש און ברענען זייערע טריט מיט אונזער פולען חוב.

און זייט מיר מוחל, איך קען נישט דורכגעהן דעם ענין און נישט דער־מאנען די, וועלכע שווייגען, אונזערע נאהענטסטע, די פארגאזטע און דער־מארדעטע.

אמת, דאס איז מעהר אן עמאציא־נעלער צוגאנג. אבער האבען מיר דען נישט דאס רעכט צוצוגעהן צו דער פראגע נישט נאר מיט קאפ און שכל, נאר אויך מיט הארץ און געפיהל?

זאל נאר עמיצער פון אונז לעבענ־געבליבענע אויף א ווייל'ע א טראכט טאן: וואס וואלטען „ז י י" געזאגט וועגען דער „ווידערגוטמאכונג", וואל־טען זיי, די אומגעבראכטע, אונז גע־הייסען נעמען דאס געלט? ניין, זיכער נישט!

זאלען אויך אידען נישט טראכטען, אז די „ווידערגוטמאכונג" האט גאר־נישט צו טאן מיט די דערמארדעטע. עס האט שוין גראד יא מיט זיי צו טאן. יעדער שריט, יעדער קער וואס ווערט פון אונז לעבענגעבליבענע גע־מאכט מצד די דייטשען, דארף האבען זייער שטומען הסכם.

„געדענקט אונזערע מערדער!" — האבען געשעפטשעט האלב־טויטע לי־פען — „געדענקט וואס זיי האבען אונז געטאן!..."

איז וויזשע קען מען הערען אט־די דאזיגע דערשטיקטע, בעטענדיגע שטי־מען און נעמען דאס געלט, וואס איז מיט זייער בלוט דורכגעזאפט גע־ווארען?...

# דער פעטער פון אַמעריקע

(שלוס פון פעידזש 2)

מויל. זי איז געזעסען א בלייכע ווי קרייד.

— זנאמי, זנאמי (מיר ווייסען, מיר ווייסען)! — האט דער פאליציאנט זיך אנגערופען.

לענא האט געטאן א קוק אויף דעם האקען און ווינקעל. ס'האט אויף איהם געהאנגען איהר מאנטעל, פון א דיי־נעם שטאף, ענליך צו א גומי־מאנ־טעל. זי האט איהם געפרואווט אראפ־נעמען, נאר דער הענגער האט זיך פארפלאנטערט. זי האט געמאכט מיט די ליפען, ווי זי וואלט געפרואווט ארויספליסטערען עפעס, יענע זאלען נישט דערהערען. זי האט פאמעליך אראפגענומען פון דער פאליצע א בלויען בערעט. אן אויסטערלישע מינע האט זיך באוויזען אויף איהר פנים. ס'האט זיך געדוכט, אז זי וויל זאגען: נו, בין איך געווען גערעכט?... דער אגענט האט זי אנגענומען ביים ארעם.

— כאדזשמי (מיר געהען)!

— דאבראנאץ, מיסטער וועגנגראַ־ווער! — האט לענא געזאגט.

— אי פראטעסט! אי פראטעסט!

— האט סעם וועגנגראַווער געערדט א פארווירטער. — אי'ל קאמפלעין טו דהי אמעריקען קאנסול!...

ס'איז איהם געווארען טרוקען אין גומען. לענא און דער אגענט האבען זיך געלאזט געהן פאראויס. ער איז געווען העכער פון איהר מיט א קאפ. ער האט געטראגען א ווייך שפיציג קאפעליושעל, א פאס ארום די לענ־דען. פון די צו־קירצע הויזען האבען ארויסגעקוקט רויטע שקארפעטען. דער פאליציאנט האט זיי נאכגעטראגען דאס רענצעל, ווי א פארטער. ווי נאר זיי זענען אפגעשטיגען, האט זיך דער־הערט א פייף. דער צוג האט גערירט. סעם וועגנגראַווער איז צוגעלאפען צום פענסטער. די נאכט איז געהאט צוגע־פאלען. דער וואקזאל האט זיך אפגע־רוקט. די באן איז געגאנגען איבער א לעדיגען שטח, באשאטען מיט קוי־לען־שטויב, באלייגט מיט שטויסען שוועלען. ס'האבען זיך פארבייגע־רוקט פינסטערע געביידעס, בינטלעך ביימער, סטויגען היי. אין דער ווייט האבען זיך געצונדען פייערלעך. ס'הא־בען זיך דא געצייגען פעלדער פון טארף. סעם וועגנגראַווער האט געהאט א מאדנע געפיהל: ער האט זיך גע־שעמט אימצוקערען די אויגען צו מר. און מרס. קארטש. דאס, וואס איז איצט געשעהן, איז געווען ווי א פאטש אין פנים. ער האט זיך פונדעסטוועגען אויסגעדרעהט. די מרס. קארטש איז געזעסען א שטארע, מיט פארבראכע־נע פינגער. משה קארטש האט זיך גע־קראצט אין קאפ.

— נאדיר א מדינה, פוילען!

— כ'האב אייך אבער געווארענט!

— האט די מרס. קארטש געזאגט. — ס'איז נאך א נס, אז מ'האט אונז אויך נישט אוועקגעפירט.

— זאלען זיי פראוווען!

סעם וועגנגראַווער האט געהאט א באדערפעניש צו זיין אליין. ער איז ארויס, גענומען געהן לענגאויס דעם קארידאר. די דריטע קופע איז געווען ליידיג, נישט באלויכטען. ער איז אריין און זיך אוועקגעזעצט. ער האט געזעהן דורך דער שויב א שטיק נאכ־טישען הימעל, קרוינען פון סאסנעס. דער לאקאמאטיוו האט געפייפט, פונ־קען זענען געפאלען צווישען די צוויי־גען. סעם וועגנגראַווער האט אליין נישט געוואוסט פארוואס, נאר דער דאזיגער ארעסט אין דעם פינסטערען אוונט האט איהם דערמאנט אן דער בשורה פון בעסי'ס טויט. ער האט אריינגעשטעקט א ציגאר צווישען די ליפען, נאר ער איז עפעס געווען פויל אנצורייבען א שוועבעלע. נאך א ווייל האט ער אנגעצונדען א שוועבעלע און עס צוריק אויסגעלאשען. ער האט גע־קוקט ווי דאס קיהנדעל געהט־אויס. ער האט געגראבעלט אין בוזעם־קעשע־נע און אנגעטאפט דאס נאטיץ־ביכעל. ס'איז דארט געווען פארשריבען דער אדרעס פון לענא'ס עלטערן און פון איהר אדוואקאט. וואס, אייגענטליך, געהט זי מיר אן? — האט סעם וועג־נגראַווער זיך געפרעגט. — זי איז יונג און געזונט. ווען זי וואלט געהאט די מאכט, וואלט זי אנדערע פאר־שפארט אין פריזאן... גלייך דער דאַ־זיגער געדאנק וואלט איהם אויפגע־מונטערט, האט ער איצט פארריכערט דעם ציגאר. די זומער־נאכט איז גע־ווען א פארוואלקענטע, אבער צווישען די ריסען און די לעכער אין די וואל־קענס האבען אפגעגלינצעלט די שטערן. די באן האט זיך געגליטשט צווישען טונקעלע פעלדער. גליה־ווער־רים האבען אויפגעלויכטען און זיך אויסגעלאשען. אין עק האריזאנט האט געבליצט. א נאכטישע שלווה האט זיך אויסגעשפרייט איבער די פלאכע שטחים. פון דער ווייט האט זיך אפ־געצייכענט א דערפעל. פון די נאפט־לעמפלעך האבען זיך געצויגען צו די ווייעס פורפורענע שטרויען. סעם וועג־נגראַווער האט גענומען אריינקלערען. איז דאס נישט אויסטערליש? יעדע זאנג וואקסט פאר זיך. ווען מ'רייסט איינע אויס, געהט עס נישט אן דער אנדערער. יעדע זאנג מיט איהר שטרוי און איהרע קערנדלעך. דערנאך קומט א קאסע און שניידט זיי אלע אוועק... כ'בין געווארען א גאנצער פילאזאף!

— האט ער צו זיך געזאגט. — אלץ די מורא פאר'ן טויט...

ער האט דערהערט טריט. עמיץ איז געשטאנען ביי דער טיר. ס'איז געווען די מרס. קארטש. דאס קלייד האט זיך געגרויט אין דער טונקעלקייט.

— סעם, איט'ז ו? וואו באהאלט איהר זיך ערגעץ? מויש קלערט שוין איבער... ס'איז נישט מיין שולד וואס ס'איז געשעהן!

— ווער זאגט דען? גאט באהיט!

— ס'האט זי עמיץ גע'מסר'ט. פון די אייגענע מענשען.

— הא? ס'זעהט אויס אזוי.

— וואס זיצט איהר אין דער פינ־סטער? אי וואודנט בי סורפראַיזד, אז איהר'ט זיך אין איהר איינגעליבט.

סעם וועגנגראַווער האט פארצייגען דעם ציגאר. דאס גליענדיגע קעפעל איז געווארען פלאמיג רויט.

— אזא בהמה בין איך נישט.

— אויף מענער קאן מען אלץ גלוי־בען.

סעם וועגנגראַווער האט געהאט א פארלאנג איהר צו זאגען, זי זאל צו־ריקגעהן אין איהר קופע און איהם לאזען צורוה, נאר ער האט געשוויגען. זי איז געשטאנען און זיך ווי געקווייג־קעלט, יא זיך צוזעצען, אדער נישט זיך צוזעצען? זי האט געזאגט:

— מיין מאן איז אייך געטריי ווי א ברודער. ער זארגט, אז איהר זענט ערגיץ פארלוירען געווארען. פאני, הע?... וואס זיצט איהר אליין? זי'ט שוין ווי־ס'איז ארויס פון זייערע הענט. אז זי איז איינמאל אנטלאפען, וועט זי נאכאמאל אנטלויפען.

— ס'זאגט זיך גרינגער ווי ס'טוט זיך.

זי האט געמאכט א טריט נעהנטער.

— סעם, דאנט בי לאיק דהאט!

סעם וועגנגראַווער האט פארלאשען דעם ציגאר. די מרס. קארטש האט אפגעווישט די פארב פון די ליפען. נאך א ווייל איז זי צוריק אוועק צום מאן. זי האט זיך געשעמט דערמיט וואס ס'איז אין איהר פארגעקומען, אבער זי'ט זיך נישט געקאנט העלפען. צייט די מיידל איז געפארען מיט זיי, איז איהר, פלארענס'ן, א שטיין גע־לעגען אויפ'ן הארץ. ס'האט איהר גע־קרעלט אין האלז. יעדעס מאל וואס זי האט געוואלט עפעס זאגען, זענען איהר די ווערטער געבליבען שטעקען אין קעהל. די לענא האט געקוקט אויף איהר מיט אפענעם שפאט. ס'איז גע־ווען ווי זי, פלארענס, וואלט מיט זיך מיטגענומען א שונא. איצט איז איהר געווארען גרינג [illegible] נאך א צאן־ווייטאג. זי איז געווארען אויפגעהיי־טערט. די פיס זענען איהר געווארען לייכטער. [illegible] מען אונטערברומען א האלב־פארגעסען לידעל. דערביי האט זי געהאט אויף לענא'ן גרויס רחמנות. וואו איז זי איצט? — האט זי געטראכט. — ווער ווייסט [illegible]? זי'ט נעבעך נעכטיגען אויף דער האר־טער באנק, שוין די צווייטע נאכט... משה קארטש האט זיך געהאט אנ־געלעהנט. [illegible] געלעגען מיט איינגעקורטשעטע פיס, האט ער אויסגעזעהן משונה־קליין, און די געלע שיך זיינע — משונה־גרויס. די האר אויף די שלייפען זענען געווארען ווייסער פון טאג צו טאג. ער האט געהאט אנגעטאן די שפאק־ולען צום לייענען און די שווארצ־אפלען האבען דורכגעקוקט דורך די געשליפענע גלעזער פארגרעסערטע און עפעס ווי שיקעלדיג. די מרס. קארטש האט מיט אמאל דערשפירט א קרובה'שע ליבשאפט צו דעם דאזיגען מיאוס'ן מאן, דעם טאטען פון איהרע קינדער, דעם פארזארגער פון דער משפחה. גאט אין הימעל, וואס האב איך אפ־געטאן? — האט זי זיך געפרעגט. — אין וואס פאר א זומפ בין איך אריינ־געפאלען? משה קארטש האט זיך האלב אויפגעריכט.

— נו, האסט איהם געפונען?

— יעס, ער זיצט אין דער פינ־סטער, ווי תשעה באב.

— אי בעטשע, ר'האט זיך אין איהר איינגעליבט!...

די מרס. קארטש האט זיך פאר־קרימט.

— אזוי שעהן איז זי?

— א יונג מיידעל. ז'איז נישט קא'מיאוס'ע אויך. זי'ט אויף זיך א פייער־דיגען קאפ.

— פון וואנען ווייסטו וואס פאר א קאפ זי האט? דו בעבעסט גלאט אין דער וועלט אריין!

— ביזט דזשעלאס, הע?

— וואס פאר א דזשעלאס? וואס האקסטו א טשייניק?

— נו, טעיק איט איזי!...

משה קארטש האט ווייטער גענומען לייענען. ס'איז געווען א פאליטיש ארטיקעל — וועגען דעם סאאר־גע־ביט, דעם [illegible], דעם אמעריקאנער באיקאט פון דער פעל־קער־ליגע, דער אפאנעזישער אינוויא־זיע פון מאנדזשוריע. א סך ווערטער האט משה קארטש נישט פארשטאַ־נען, אבער דער סך־הכל איז געווען קלאר: זיי וועלען זיך אזוי לאנג ארומרייסען, די בופלאקסען, ביז זיי וועלען מאכען א נייע מלחמה. אמע־ריקע זאל זיך נאר ווידער נישט ארייג־מישען!... די מרס. קארטש האט ארויסגענומען א פיילכעל און געפיילט די נעגעל. די גוטע לוינע איז געהאט אריבער. משה'ס ווערטער, אז יענע האט א פייערדיגען קאפ, האבען זי געשטאכען. ווען זי, פלארענס, [illegible] נישט געווארען צו פיר יאהר א יתומה, און וואלט געגאנגען אין די שקאלעס, וואלט זי אויך [illegible] די קליינע אותיות. זי איז נישט אזא בהמה. די מרס. קארטש האט זיך [illegible] א [illegible], וואס זי האט קיינמאל נישט אויפגעהערט פייניגען. זי האט ביז היינט־צו־טאג רעכט נישט געקאנט אנשרייבען קיין ענגלישען לעטער אהן פעהלערען. די אידישע שריפט איהרע איז קאטשערעס מיט לאפאטעס. זי האט גערעדט [illegible] מיט א קאמישען אק־צענט. די קינדער האבען אפגעלאכט פון איהרע גרייזען. זי האט אפגעווינט צו שרייבען צו די קרובים אין ווארשע. און זי האט נישט [illegible] זיך צו פארענטפערן פאר איהר שוויי־גען. ווי האט זי, פלארענס, זיך גע־קאנט פארגלייכען מיט דעם דאזיגען מיידעל, וואס האט שטודירט אין אוני־ווערזיטעט, רעדט ווי א וואסער פוי־ליש, פראנצויזיש, אידיש, און קאן אפילו אביסעל העברעאיש? פארוואס זאל זי מעהר נישט געפעלען סעם וועגנגראַווער'ן ווי זי, פלארענס, מיט די [illegible] הענט און מיט'ן [illegible] מזל'דיגען מאן? די מרס. קארטש האט פאראויסגעזעהן וואס ס'וועט זיין. סעם וועגנגראַווער וועט די לענא'ן אויסלייזען, זי מיטנעמען קיין אמע־ריקע, אפשר גאר מיט איהר חתונה האבען...

— פלארענס, מ'עט דארפען עפעס טאן פאר דעם מיידעל —

די מרס. קארטש האט א דערצארנ־טע אויפגעהויבען דעם בליק.

— דו אויך?... דו ליג איינגע־ליגט!...

———

(ווייטערס — קומענדיגען שבת)



## מענשען הויבען אָן בעסער הערען דורך דער פרוי

איך בין געגאנגען מיט מיין מאַן אין די מואווים און איך האב געהאַט דאס גרעס־טען פאַרגעניגען פון מיין לעבען: איך האב געהערט! און געלאַכט און געוואוסט פאַרוואָס מיר איז גוט — איך הער! מיינע קינדער דאַרפען צו מיר מער ניט שרייען! מיינע פריינד ווי־לען זיך מיט מיר טרעפען, ווייל איך קאַן איצט הערען וואָס זיי רעדען צו מיר.



מרס. א. גליקסמאַן

אַט אַזוינע פריידיגע ווערטער הערט מרס. גליקס־מאַן יעדען טאָג, פון זינט זי האָט אָנגע־הויבען אָנפירען מיט איהר דעפּאַרטמענט פון דער סאָנאָטאָן קאָמפּאַני. מיט איהר דער־פאַרונג און האַרציגקייט פּאַסט זי צו יעדערען — יונג און אַלט — מיטלען צו הערען בעסער.

די נאָכפראַגע איז אַזוי גרויס, איבער־הויפּט פאַר אַזוינע וואָס קאָנען ניט קומען אין מיטען וואָך, די קאָמפּאַני האָט באַשלאָ־סען, אַז דער אָפיס פון מרס. גליקסמאַן זאָל זיין אָפען שבת, פון 10 ביז 2 נאָכמיטאָג.

איהר קאָנט איצט קומען יעדען טאָג אַ חוץ מיטוואָך, פון 11 ביז 3, אין 570—5טע עוועניו, צווישען 46טער און 47טער גאַס, אויף דעם 4טען פלאָר. אָדער טעלעפאָנירט לוקסעגבוירג 5100-2, זיך דורכרעדען מיט מרס. גליקסמאַן אין פּשוט'ן אידיש.

איהר קאָנט זיך העלפען צו הערען בעסער — קומט צוגעהן אָדער שרייבט.



# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • • • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

פופצענטער קאַפּיטעל

„דאָס איז געווען א גליקליכער איינפאַל איינצולאַדען עלינאָר'ן, אַז זי זאָל מיט איהם „אויסגעהן“ אַן אָוונט אויף בראָדוועי“, — אַזוי האָט אייב דערנאָך אַלץ צו זיך אַליין איבערגערעדט. ער איז געווען מיט זיך זעהר צופרידען. כאָטש איין מאָל אין לעבען איז איהם איינגעפאַלען א קלוגע זאַך.

„מיטוואָך“, — ער האָט געהערט זאָגען, אַז מיטוואָך איז דער אָוונט ווען יונגע פאַרליבטע האָבען ליב צו געהן ערגעץ פאַרברענגען. ביז יענעם גוטען אָוונט, ווען ער און עלינאָר וועלען זיין צוזאַמען, האָט ער גאָר ניט געקענט פון קיין אַנדער זאַך טראַכטען, ווי נאָר פון דעם. דוכט זיך וואָס, עס איז שוין נישט געווען דאָס ערשטע מאָל אַז ער איז ערגעץ געגאַנגען צוזאַמען מיט עלינאָר'ן. זיי האָבען דאָך שוין גאַנצע אָוונטען פאַרבראַכט זומער אין פּאַרק, און וויפיל מאָל איז ער שוין געווען ביי איהר אין שטוב. און אויך אין א מאָווי איז ער שוין דאָך געווען מיט איהר צוזאַמען. נאָר דאָס איז אַלץ געווען פריהער, איידער זי האָט געקראָגען א „סטעדי באַי“. און ער, אייב, האָט נאָך געקענט אויף עפּעס האָפען...

איצט איז שוין גאָר אַנדערש. איצט, ווען זי איז שוין געווען פאַר איהם פאַרלאָרען און ער איז געווען אַזוי פאַרצווייפעלט, איז מיט אַמאָל אַזאַ יום־טוב. נאָך איין אָוונט, נאָך עטליכע שעה'ן וועט ער האָבען צו פאַרברענגען צוזאַמען מיט עלינאָר'ן. איין וואונדערליכע מינוט איז פאַר איהם געווען גענוג. וויפיל גוטע מינוטען האָט ער דאָס אַזוינס געהאַט אין זיין יונגען לעבען, אייב?

אַז עס איז געקומען דער באַשטימטער טאָג, וואָס ער האָט שוין געדאַרפט מיט איהר געהן, איז ער פון אין דער פריה אַן געווען אויפגערעגט פון פרייד. פריש און מונטער האָט ער זיך געפיהלט. גאָר אַן אַנדער אייב איז דאָס געווען. און וואָס ער האָט נאָר געטאָן און וואו ער איז געגאַנגען איז זיין גוטע שטימונג מיט איהם מיטגעגאַנגען.

פאַרנאַכט, ווי נאָר ער איז געקומען פון קאַלעדזש, האָט ער זיך שוין גענומען גרייטען צום אָוונט. ער האָט היינט גאָר ניט באַמערקט זיין אָרימע היים און די אָפּגעלאָזענע צימערן, און א פרעהליכער האָט ער זיך באַלד גענומען וואַשען און פוצען. ער האָט זיך געשטעלט אנקעגען דעם אָפּגעריבענעם, פאַרוואַלקענטען שפּיגעל, און אויסגעקעמט זיינע האָר גלאַט, מיט א שרונט אין א זייט. ער האָט שוין געהאַט פון פריהער אנגעגרייט א שעהנע העמד מיט א נידעריג־אָפּגעלעגטען קאַלנער. ער האָט אויסגעבונדען אַרום האַלז א שעהנעם קראַוואַט, וואָס עלינאָר האָט איהם אַמאָל געגעבען א מתנה, ווען עס איז ביי איהר געווען א באַזונדערע, גוטע שטימונג.

שטעהענדיג אַזוי אין שפּיגעל, האָט ער זיך פאַרקלערט, זיך פאַרגעשטעלט ווי ער וועט זיצען לעבען איהר נאָהענט דעם גאַנצען אָוונט אין טעאַטער. זיי וועלען פאַרברענגען און רעדען. אַרום וועט זיין טונקעל. ער וועט איהר האַלטען אנגענומען פאַר איהר האַנט. אפשר וועט ער זיך אַנגעמען מיט מוט און א קוש טאָן איהר. דאָס וועט הייסען צום געזעגענען זיך שוין אויף אַלעמאָל. שטילערהייט וועט ער איהר א זאָג טאָן:

„עלינאָר, אין דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ אַזאַ מיידעל ווי דו...“

עלינאָר וועט מסתמא וועלען זעהן א גוטע „שאָו“. געדאַרפט געווען אַנגרייטען אָפּריהער בילעטען. — „אָה, מען וועט שוין קריגען וואוהין צו געהן,“ — האָט ער א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און ער האָט אויף גיך פאַרענדיגט זיין טואַלעט.

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזים קעשענע זיין אויפגעלעגטען טייסטערל און גענומען איבערציילען זיין פאַרמעגען. ער האָט געהאַט נאָהענט צו זיבען דאָלער. און ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אפשר וועט דאָס גאָרניט זיין גענוג פאַר אַזאַ אָוונט! ער האָט גאָר פריהער פון דעם ניט א טראַכט געטאָן. ער האָט דעם זומער געאַרבייט א שטיקעל צייט אין א האָטעל אין די בערג. שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט א ביסעל געלט. ער האָט זיך געקויפט א נייעם אנצוג און גוטע שיך. א ביסעל געלט האָט ער פאַרליהען צו זיינעם א חבר א סטודענט, און יענער איילט זיך ניט אַזוי גיך אָפּצוגעבען איהם דאָס געלט.

אייב האָט זיך פאַרטראַכט. אפשר זאָל ער אַראָפּלויפען אונטען אין סטאָר בעטען ביי זיין מאַמען א פּאָר עקסטראַ דאָלער? דאָס האָט זיך איהם ניט געגלוסט צו טאָן. די סטאָר איז איצט אוודאי פול מיט קאַסטאָמער און די מאַמע וועט איהם נאָך אפשר אַנהויבען פרעגען פראַגעס אויף וואָס ער דאַרף האָבען עקסטראַ־געלט?

עס וועט מוזען זיין גוט אַזוי, האָט ער באַשלאָסען. ער האָט ווידער איבערגעציילט זיין פאַרמעגען; ער האָט אָפּגעטיילט א סומע פאַר די בילעטען. אַרום דריי־פיר דאָלער וועט איהם קאָסטען די „שאָו“. נאָכדעם וועלען זיי פאַרענדיגען דעם אָוונט מיט אַריינגעהן אין א רעסטאָראַן. עסען א גוטען סאַפּער. עס איז איהם געקומען אויפ'ן זינען אַן „אויטאָמאַט“, דאָרט וואו עס קאָסט ביליגער דאָס עסען, נאָר ער האָט באַלד באַשלאָסען, אַז ניין. ער וועט עלינאָר'ן פירען אין א „סוועלן“ רעסטאָראַן.

— „פאָהרען מיט דער סאַבוועי קאָסט שוין א קלייניגקייט“, — האָט אייב פאַרענדיגט דאָס איבערצעהלען זיין געלט. אָפּגעטאָן דאָס אַלץ און אָנגעטאָן אין זיין בעסטען אנצוג, מיט די נייע שיך, איז ער שוין געווען פאַרטיג פאַר'ן אָוונט. ער האָט נאָך א זוך געטאָן אין אייז־באָקס, געפונען א ביסעל עסענוואַרג און זיך צונויפגעשטעלט א גיכען סאַפּער, אַז ער זאָל דעם אָוונט ניט זיין הונגעריג. און איילענדיג זיך, און אונגעדולדיג האָט ער אַרויפגעוואָרפען אויף זיך דעם מאַנטעל און זיין הוט, און ער איז אַרויס אין גאַס.

ער האָט זיך געלאָזען געהן גלייך צו עלינאָר'ס הויז, וואָס האָט זיך געפונען דאָ ניט ווייט. נאָר דורכצוגעהן די לאַנגע גאַס. ער האָט געהענדיג אונטערגעפייפט א ניגון'דעל, ווי ער וואָלט וועלען זיך אַליין צוגעבען מוט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז עס איז נאָך צו פריה, און ער האָט באַלד באַשלאָסען וואַרטען א ביסעל אונטען אין גאַס, לעבען איהר שטוב. נאָר באַלד האָט ער זיך געכאַפּט ווי ער שפּאַנט שוין איבער די הויכע טרעפּ מיט זיינע לאַנגע פיס, גלייך צו איהר וואוינונג. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

עלינאָר און איהר מאַמע האָבען געהאַלטען ביים פאַרענדיגען זייער סאַפּער.

— אָה, אייב, — האָט בעלא זיך אָפּגערופען. זיי האָבען איהם איינגעלאַדען אין קיך:

— קום, זעץ זיך דאָ. האָסט שוין געגעסען? קום, עס מיט אונז סאַפּער.

— ניין, א דאַנק! — האָט זיך אָפּגערופען אייב. — איצט ערשט געהאַט א גוטען סאַפּער.

— א קאַפּי וועסטו דאָך טרינקען, אייב, — האָט עלינאָר ביי איהם געפרעגט.

— א קאַפּי? יע, דאָס שאַדט ניט. שטאַרקע קאַפּי, פּליז...

— שוין לאַנג ניט געווען דאָ ביי אונז, אייב, — רופט זיך אָן בעלא.

— איך בין אַלץ פאַרנומען מיט'ן לערנען, איהר ווייסט דאָך.

אייב האָט אויסגעטאָן זיין מאַנטעל. ער האָט זיך דאָ דערפיהלט פריי און היימיש, ווי אין די פריהערדיגע צייטען. זיין פנים האָט איצט געגלאַנצט פון צופיל וואַשען עס. און דער רעקעל פון זיין אנצוג איז געווען אויף איהם צו ברייט און די הויזען, אונטען, ביי די פיס, צו־קורץ. נאָר ער האָט אויסגעקוקט געהויבען, יום־טוב'דיג, און די אויגען פון אונטער די אויגען־גלעזער האָבען ביי איהם געשיינט:

— דו קוקסט אויס גוט, אייב, — האָט איהם עלינאָר געזאָגט.

— יע? — האָט אייב געשמייכעלט זעהר צופרידען פון איהר קאָמפּלימענט.

זיצענדיג אַלע דריי ביים טיש האָבען זיי איצט געמיטליך געשמועסט צווישען זיך. בעלא האָט פאַרטיג געמאַכט די קאַפּי און דערלאַנגט צום טיש. אויך זיסען געבעקס.

— אייב ווייס שוין... פון דיר מיט לאַרי'ן? — האָט זי פאַרזיכטיג א פרעג געטאָן ביי עלינאָר'ן. אייב האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

— יע, שוין פון לאַנג ווייס איך, — האָט ער אַריינגעקוקט אין זיין טעפּעלע קאַווע.

— איך האָב איהם דערצעהלט, — האָט עלינאָר זיך אָפּגערופען. — נאָר ער'ט דאָס שוין פון פריהער געוואוסט.

— יע, אין סטאָר ביי אונז. די שכנים האָבען גערעדט, — האָט אייב געזאָגט.

— זאָל מען רעדען, ס'איז שוין קיין סוד ניט, — האָט בעלא געזאָגט מיט א צופרידענעם שמייכעל.

אייב האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, אַז ער האָט פאַרגעסען צו ווינשען בעלא'ן מיט דעם וואָס איהר טאָכטער האָט שוין א באַי, א חתן.

— זאָל זיין מיט גליק! — האָט ער זיך געגעבען א הויב־אויף און געדריקט בעלא'ן די האַנט.

— א דאַנק, אייב. איך ווינש דיר אויך גליק. דו זאָלסט קריגען א פיינע מיידעל, מיט א סך געלט. און זאָלסט חתונה האָבען גאָר אינגיכען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

**די שטורעמדיגסטע יאָרן פון טאָלסטאָי'ס פאמיליען־לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראמאן פון דעם גרויסן שרייפטשטעלער.**

פון לעאָן קרישטאל

(פאָרזעצונג פון פרייטאג)

ווי ווייניג דער מענש, אפילו דער קליגסטער מענש, ווייסט וואס דער מארגען וועט ברענגען! צו 73 יאהר האט טאלסטאי זיך געפיהלט אזוי אפגעשוואכט פון זיין קראנקהייט, אז ער אליין האט זיך געריכט אויפ'ן ס'ף פונקט אזוי אפט — אין אפשר נאך אפטער — ווי ער האט געהאפט געזונט צו ווערען. ווען אימיצער זאל דעמאלט — אין זומער פון יאהר 1901 — געווען זאגען טאלסטאי'ן אדער זיין ווייב סאניא'ן, אז ער וועט נאך לעבען מעהר פון ניין יאהר, וועט נאך אויפטאן א סך גרויסע זאכען און אז ער וועט גאר שטארבען פון א פארקיהלונג, וואס האט אונטער געוויסע אומשטענדען געקאנט פארמידען ווערען, וואלטען זיי דאס ניט געווען געגלויבט.

טאלסטאי אליין האט זיך ניט געריכט צו דלייבען לעבען אויף א לענגערער צייט, ווייל זיין הארץ איז יענעם זומער געווען אין א זעהר שלעכטען צושטאנד. ער איז געווען איבערצייגט, אז ביי דער מינדסטער אנשטרענגונג וועט דאס אפגעשוואכטע הארץ אויפהערען ארבייטען. ער האט זיך ניט פארגעשטעלט, אז דאס דאזיגע אפגעשוואכטע הארץ וועט נאך זיין בכוח איבערצוטראגען נייע שווערע קראנקהייטען אין דער נאהענטער צוקונפט.

אין דאקטוירים האט ער ווייניג וואס געגלויבט און ער האט געווים געהאלטען, אז וועגען דעם צושטאנד פון א מענשען דארף מען פרעגען נישט דעם רופא, נאר דעם חילה. עס איז דעריבער ספעציעל אינטערעסאנט דאס, וואס ער אליין האט דאן געזאגט וועגען זיין צושטאנד. אין א שמועס מיט זיינעם א באזוכער צום סוף פון יענעם זומער האט טאלסטאי געזאגט:

אט היינט, צום ביישפיל, שפאצירענדיג, האב איך פלוצים דערפיהלט, אז מיר איז נישט־גוט. אז דאס הארץ האט זיך ביי מיר ווי אפגעשטעלט. לעצטענס געשעהט דאס מיט מיר זעהר אפט. איך האב זיך צוגעזעצט אויף אן אונטערגעהאקטען ביים און זיצענדיג אזוי האב איך געפיהלט, אז אט־אט ענדיגט זיך אלץ. צוערשט איז מיר געווארען אומהיימליך. אבער דערנאך האב איך זיך דערפיהלט גוט און לייכט. אבער דאס איז דאך געווען ניט דער טויט, נאר א ווארנונג. איך רוף ניט דעם טויט צו זיך, אבער איך אנטלויף אויך ניט פון טויט. אן אמת־רעליגיעזער מענש דארף ניט און קען ניט מורא האבען פאר'ן טויט, ווייל עס איז נאר אן איבערגאנג פון צייטווייליגען צו אייביגען.

דער זעלבער באזוכער דערצעהלט, אז אין פארלויף פון זייער געשפרעך האט מען דעמאלט דערלאנגט טאלסטאי'ען א גרויס פעקעל בריף וואס איז געבראכט געווארען פון פאסט. אין פעקעל זיינען געווען בריף פון פראנקרייך, אמעריקע, בולגאריע, פערסיע, כינע, אינדיע, סאכאלין, פון קאווקאז און א סך אנדערע פלעצער אין רוסלאנד און אין אנדערע לענדער. די פאסט האט אויך געבראכט א פאק אויסלענדישע צייטונגען אין וועלכע די רוסישע צענזור האט פארשמירט מיט טינט גאנצע ארטיקלען. ביי טאלסטאי'ן האט דער „אויפטו" פון דער צענזור ארויסגערופען א שמייכעל:

„ווי זיי האבען דאס פארפאטשקעט די אויסלענדישע צייטונגען! ווארשיינליך האבען זיי מורא, אז די ארטיקלען זאלען מיך ניט קאליע מאכען".

א סך פון די בריף זיינען געווען פון מענשען וואס האבען זיך געהאלטען פאר אנהענגער פון זיינע פרינציפען און וואס האבען דערפאר געהאט אויסצושטעהן פארפאלגונגען, אנדערע זיינען אלץ געווען בריף פון מענשען וואס האבען געבעטען הילף און נאך אנדערע זיינען געווען פון לעזער און פארעהרער וואס האבען זיך נאכגעפרעגט אויף זיין געזונט און וואס האבען איהם געגעבען עצות ווי שנעלער צו קומען צו די כוחות.

איינער אזא בריף איז געווען פון א באוואוסטען פראפעסאר פון מעדיצין. נאכ'ן איבערליינען דעם בריף האט זיך טאלסטאי געווענדעט מיט א שמייכעל צו דעם זעלבען באזוכער און האט געזאגט: „אט דאס איז פון א פראפעסאר פון מעדיצין. ער וויל מיך איבערצייגען, אז צו גלויבען אין אומשטערבליכקייט דארף מען זיין אן אידיאט און אז דעם מענשען'ס נשמה ווערט סוף־כל־סוף פארוואנדעלט אין א מין כעמישען שטאף, ווי וואסער אדער עפעס עהנליכעס. ער גיט מיר אן עצה, אז אום צו קומען צו די כוחות זאל איך ווערען אויס וועגעטאריער און זאל עסען אויסטערס, הינדלער, אז איך זאל טרינקען מארעירא ווין — אלץ זעהר געשמאקע זאכען".

טאלסטאי האט ניט געפאלגט די עצה פון דעם פריינטליכען פראפעסאר. די ערהאלונג זיינע איז צוגעגאנגען זעהר פאמעליך און איז אונטערגעבראכען געווארען פון לייכטערע קראנקהייטען וועלכע האבען איהם אפט געצוואונגען צו לעגען זיך אין בעט אריין אויף א פאר טעג.

אין די טעג ווען ער האט זיך געפיהלט אביסעל שטארקער, האט ער א סך געלייענט, געשריבען, געגאנגען שפאצירען אויף וויפיל זיינע כוחות האבען געטראגען און — אפילו געפארען צוביסלעך רייטענדיג איבער פעלדער און וועלדער. צו דעם אלעמען האט ער געפונען צייט און קרעפטען אויפצונעמען אלערליי באזוכער וואס זיינען געקומען צו איהם מיט זייערע צרות.

פאר א ביישפיל ווי פארשיידען עס זיינען געווען די מענשען וואס זיינען געקומען קיין יאסנאיא פאליאנא יענעם זומער קענען דינען צוויי באזוכער — איינער ביי וועמען די ווייב איז געשטארבען און איהם איבערגעלאזט מיט צוויי קליינע קינדער און דער צווייטער א לערער וועלכער איז געווען אין געפאר צו פארלירען זיין שטעלע, ווייל ער האט שטארק אנגעדרעהט אן אויער ביי זיינעם א שילער.

דער אומגליקליכער, יונגער אלמן האט געהייסען ניקאלאי פאלצפיין. די ווייב איז ביי איהם געשטארבען אין פעטערבורג, ווען זי האט געהאלטען ביים געבוירען זייער דריט קינד. ער איז געווען שרעקליך פארצווייפעלט פון דעם אומגליק.

ער האט פון פעטערבורג געשריבען צו טאלסטאי'ען און געבעטען אן ערלויבניש צו קומען קיין יאסנאיא פאליאנא זיך דורכריידען וועגען „די פראגען פון לעבען און טויט". אלס ענטפער האט ער באקומען אן איינלאדונג פון טאלסטאי'ען. ווען דער אלמן פאלצפיין איז געקומען האט איהם טאלסטאי זעהר פריינטליך אויפגענומען, האט איהם גענומען אויף לאנגע שפאצירען מיט זיך און געפירט מיט איהם לאנגע און ערנסטע געשפרעכען.

ניקאלאי פאלצפיין איז אוועקגעפארען פון יאסנאיא פאליאנא אן ערמוטיגטער און א געטרייסטער. דערפאר איז אבער אן אנדער באזוכער אוועק פון טאלסטאי'ען אן ענטוישטער און אפילו א פארביטערטער.

דער ענטוישטער באזוכער איז געווען א לערער פון א דארפישער קלויסטער־שולע אין כארקאווער גובערניע.

אזוי ווי ער איז געווען אין געפאר צו פארלירען זיין שטעלע איבער א קלאגע וואס איז געבראכט געווארען געגען איהם פאר „אנדרעהען אן אויער" זיינעם א שילער, איז ער געקומען קיין יאסנאיא פאליאנא בעטען שוץ ביי טאלסטאי'ען. אזוי ווי דארפישע קלויסטער־שולען זיינען געשטאנען אונטער דער אויפזיכט פון דער קירכע, וועלכע האט געהאט ערקלערט א חרם געגען טאלסטאי'ען, איז געווען לעכערליך אפילו צו ערווארטען, אז ער זאל קענען מיט עפעס העלפען דעם לערער אין דעם פאל. ער האט דעריבער געראטען דעם לערער, אז ער זאל זיך ווענדען צום ארכיערעי, אדער צו אן אנדער גלח. דער לערער האט ניט פארשטאנען פארוואס טאלסטאי וויל איהם ניט העלפען און איז אוועק א דערשלאגענער. אויף דעם וואקזאל אין זאסיעקא, וואס איז די נאהענטסטע באהן־סטאנציע צו יאסנאיא פאליאנא האט זיך דער לערער באקלאגט פאר טאלסטאי'ס א באקאנטען.

„וואס האט אייך ליעוו ניקאלאיעוויטש געזאגט?" — האט טאלסטאי'ס באקאנטער געפרעגט.

— ער האט מיר געזאגט, אז ער קאן גארניט טאן פון מיינעטוועגען. „געהט צום ארכיערעי", האט ער געזאגט, — האט דער לערער דערצעהלט מיט הארצוועהטאג. — וואס איך טענה אלץ מיט טאלסטאי'ען, אז איך קאן בלייבען אהן ברויט און וואס איך בעט זיך ביי איהם, אז ער זאל זיך איינשטעלען, אבער — עס האט מיר קיין זאך ניט געהאלפען! ער איז געלאפען אהין־און־צוריק איבער דער טעראסע און האט געמורמעלט: „גארנישט, גארנישט קאן איך טאן פאר אייך. געהט צום ארכיערעי... דאס האט צו טאן מיט די גלחים, די קירכע האט די דעה. איך קאן אייך נאר קאליע מאכען".

ווי ווייניג יענער דארפס־לערער איז געווען אינפארמירט, קאן מען זעהן דערפון, אז ער האט ניט פארשטאנען פארוואס טאלסטאי האט געזאגט, אז אין אן ענין וואס האט צו טאן מיט דער קירכע, קאן זיין אריינמישונג נאך קאליע מאכען. דער לערער



איז דערצו נאך געווען פארביטערט, וואס נאכדעם ווי ער האט געמאכט אזא לאנגע רייזע, אזש פון כארקאוו קיין יאסנאיא פאליאנא, — האט סאפיא אנדרעיעוונא, טאלסטאי'ס ווייב, אפילו ניט געהאלטען פאר נויטיג צו הייסען איהם געבען עפעס עסען, אדער פארצולעגען איהם, אז ער זאל זיך אפוואשען פון וועג.

ווען טאלסטאי'ס באקאנטער האט געפרעגט ביי דעם דארפס־לערער, צי ער האט געליינט עפעס פון טאלסטאי'ס שריפטען, האט דער לערער געענטפערט:

„ניין. איך מוז צוגעבען, אז ניט. ס'איז מיר ניט אויסגעקומען צו לייענען זיינע זאכען. איך האב בלויז געהערט, אז ס'איז פאראן אזא... איך מיין — איך האב געהערט וועגען גראף טאלסטאי, אז ער נעמט זיך אן פאר'ן אמת און אז ער פארטיידיגט איטליכען. נו, בין איך ספעציעל געפארען צו איהם. אבער, איהר זעהט דאך, מיר האט ער ניט געוואלט העלפען".

אלע, וואס האבען באזוכט טאלסטאי'ען יענעם זומער האבען געזעהן, אז ער זעהט אויס שלעכט און דוקא דערפאר וואס די צענזור האט פארבאטען די צייטונגען צו באריכטען וועגען טאלסטאי'ס צושטאנד, זיינען פארשפרייט געווארען קלאנגען, אז טאלסטאי איז געפערליך קראנק. דאס האט מיטגעבראכט, אז פון פארשיידענע זייטען זאלען איהם באקאנטע און אומבאקאנטע מענשען אנבאטען עצות וואס צו טאן פאר זיין געזונט. ער האט במעט קיינע פון אזעלכע עצות ניט אנגענומען, פונקט ווי ער האט ניט אנגענומען די עצה פון דעם פראפעסאר, וועלכער האט איהם געראטען צו ווערען אויס וועגעטאריאנער.

איין עצה, צוזאמען מיט א פראקטישען אנבאט, האט ער אבער יא אנגענומען. דאס איז געווען אן עצה פון טאלסטאי'ס א פארעהרערין, גרעפין סאפיא וולאדימיראוונא פאנינא, וועלכע האט איהם אין א בריף געראטען צו פארברענגען דעם ווינטער אין דעם ווארימען קלימאט פון האלבאינזעל קרים. אין דעם זעלבען בריף האט די גרעפין פאנינא אנגעבאטען טאלסטאי'ען און זיין פאמיליע איהר לוקסוסדיגע ווינטער־היים אויפ'ן דרום'דיגען ברעג פון קרים. דעם בריף מיט דעם אנבאט האט די גרעפין פאנינא צוגעשיקט צו סאניא'ן. איהר איז דער געדאנק שטארק געפעלען געווארען. זי האט צוגערעדט טאלסטאי'ען און ער האט דעם אנבאט אנגענומען.

דעם 5טען סעפטעמבער (1901) איז טאלסטאי, אין דער באגלייטונג פון זיין ווייב סאניא און א פאר נאהענטע פריינט, טאקע ארויסגעפארען אויפ'ן ווינטער קיין קרים, וואו די גרעפין פאנינא האט שוין געהאט פאר זיי צוגעגרייט איהר גרויסע און באקוועמע הויז אויפ'ן ווארימען ברעג פון שווארצען ים. זי אליין האט זיך ארויסגעצויגען פון דארט, כדי איהרע געסט זאלען האבען דאס גאנצע הויז מיט דער גאנצער דינערשאפט פאר זיך. (די גרעפין סאפיא וולאדימיראוונא פאנינא איז נאך דעמאלט געווען א יונגע פרוי. אגב, לעבט זי נאך און זי וואוינט איצט אין אמעריקע — אין ניו יארק).

(ווייטערס — מיטוואך)

# א לעבען פון טרוימען

**ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע**

פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

בעלא האט פון גאנצען הארצען געוואונשען אייבי'ן אל־דאס־בעסטע. זי האט געהאט צו איהם א גוטען געפיהל. נאך פון די צייטען ווען ער פלעגט אפטער אריינקומען צו זיי אין שטוב, ווי אן אמת'ער פריינט. דעמאלט, ווען זיי זיינען געווען עלנט:

— איך מיין דאס מיט אן אמת, אייב. פארוואס זוכסטו זיך ניט אויס קיין מיידעל?

— איך? — האט אייב ארויסגערעדט מארנע פארלארען, און א מאך געטאן מיט דער האנט, ווי ער וואלט זאגען, אז פון איהם איז נישטא וואס צו רעדען.

ער איז מיט אמאל געווארען אומגעדולדיג און גענומען אונטעראיילען עלינאר'ן:

— קאם אן, עלינאר, עס איז שוין שפעט. געה טו זיך אן.

—ס'איז נאך דא גענוג צייט, — האט עלינאר א קוק געטאן אויף איהר האנט־זייגערל. נאר זי איז באלד אוועק זיך איבערטאן. אייב איז שוין געווען אנגעטאן אין זיין מאנטעל און איילענדיג געשפיליעט און אפגעשפיליעט די קנעפלעך. באלד איז עלינאר ארויס פון איהר צימער שוין אויך אנגעטאן אין איהר ווינטערדיגען מאנטעל און איהר היטעלע, און א נעם געטאן אייבי'ן פאר'ן ארבעל.

— מיר געהען היינט האבען א גוד טאים, — האט זי לאכענדיג א זאג געטאן צו איהר מאמען.

בעלא האט ניט געזעה, קיין שום ביין אין דעם, וואס עלינאר וועט אז אוועקגעהן פארברענגען מיט אייב'ן. פונדעסטוועגען האט זי א פרעג געטאן ביי איהר טאכטער:

— דו ביזט זיכער, אז דיין לארי וועט היינט ניט קומען, עלינאר?

— יע, ער האט געזאגט, ער וועט די גאנצע וואך זיין פארנומען, — האט עלינאר איהר געזאגט. — ער וועט מיך אפרופען, אויב ער וועט האבען אן אווענט צייט.

אייב האט זיך געזעגענט מיט בעלא'ן און ער איז מיט עלינאר'ן ארויס פון שטוב. זיי זיינען געפארען צו בראדוועי מיט דער סאבוועי. ביי ביי־דען איז געווען איצט א פרעהליכע שטימונג און עלינאר האט ביי אייבי'ן א פרעג געטאן:

— וואוהין וואלסטו וועלען מיר זאלען היינט געהן, אייבי?

— איך וויל מיר זאלען היינט זעהן די שענסטע „שאו" אויף בראדוועי, — האט אייב ארויסגערעדט מיט א געהויבענעם טאן.

— די שענסטע „שאו" אויף בראדוועי? וואו האסטו גענומען אזוי פיל געלט, אייב? — האט עלינאר געזאגט, אנקוקענדיג איהם גוט.

— איך האב דאך דעם זומער געארבייט! — האט אייב זיך א באריהם געטאן. — דו ווילסט זעהן וויפיל געלט איך האב? — און ער האט זיך א נעם געטאן צו זיין בוזים־קעשענע.

נאר עלינאר האט געוואוסט ווי ארים אייב איז, און זי האט ניט געוואלט איהם אויסברענגען קיין סך געלט. זי האט זיך דערמאנט וואס זי האט געזעהן היינט אין צייטונג וואס מען שפילט היינט אין אלע מוּווים, און זי האט זיך אפגערופען:

— אין „ראקסי" שפילט מען היינט א גוטע מואווי, זיי וועלען האבען א פרעהליכען וואדעוויל אויך, און גוטע מוזיק. דו ווילסט געהן אהין, אייב?

— אין „ראקסי"? גוט, זאל זיין ווי דו ווילסט, — האט אייב באלד איינגעשטימט.

עלינאר האט א ווייל'ע אנגעקוקט אייב'ס פנים, ווי געהויבען ער זעהט איצט אויס. זי האט געוואוסט, אז צוליב איהר פיהלט ער דאס אזוי. זי האט אויפגעכאפט די באהאלטענע בליקען פון אנטציקונג פאר איהר. און זי האט געפיהלט גוט פון דעם, וואס נאך איינער א מאן איז אזוי פארליבט אין איהר. זי איז נאר געווען א לעבעדיגער מענש, א פרוי, און זי האט איצט געהאט א ווארימען געפיהל צו אייבי'ן.

די באן האט געדרוישט און געיאגט זיך דורך טונקעלע טונעלען, און עלינאר און אייב זיינען געזעסען אויף א סאבוועי־באנק און געשוויגען איצט שטיל. ארום זיי זיינען איצט ווייניג מענשען געווען. אייב האט געזעהן ווי עלינאר איז געבליבען זיצען פארקלערט, און עס האט זיך איהם געדאכט, אז זי לאנגווייליגט זיך מיט איהם, און אז עס איז איהר ניט אינטערעסאנט. ער איז דאך קיינמאל ניט געווען זיכער מיט זיך, אז ער קען אונטערהאלטען א שמועס אזוי, אז א מיידעל זאל זיין פרעהליך מיט אים. און דאס האט איהם שטארק וועה געטאן, איצט נאך מערער ווי אלע מאל.

נאר אייב האט גראד איצט געמאכט א טעות. עלינאר איז גאר געווען פארקלערט פון אן אנדער זאך. זי האט געטראכט פון דעם, וואס היינט איז אפשר דער לעצטער אווענט פאר איהר, וואס זי געהט פארברענגען מיט א פרעמדען בחור און ניט מיט לארי'ן. דאס איז געווען ווי א מין אפגעזעגענען זיך מיט אלע איהרע מיידעלישע חלומות. אז זי וועט חתונה האבען מיט לארי'ן וועט זי דארפען אנהייבען פירען גאר אן אנדער לעבען. עס וועט זיין שטרענג „קאנווענשאנעל", באלעבאטיש, איהר לעבען. זי וועט האבען אלערליי פליכטען צו איהר היים, צו לארי'ס פאמיליע אפשר. זי וועט פירען א הויז מיט פארנעם, מיט שטאט ווי עס פאסט פאר אזא ווייב ווי לארי'ס.

אין דער צוקונפט וועט זי קיינמאל ניט טראכטען פון געהן ערגעץ פארברענגען מיט אנדערע בחורים. וועט ניט וועלען א שטיף טאן מיט אימיצען, צי האבען אוואנטורעס. עס וועט דעמאלט זיין גאר אן אנדער עלינאר. זי וועט זיין די ווייב פון דאקטאר לארענס פינקעל און דאס מיינט אזוי פיל. אנדערע באקאנטשאפטען וועט זי אפשר דארפען פארבינדען.

לארי ערווארט פון איהר א סך. זי וועט איהם ניט אפנארען אין זיינע האפנונגען. זי וועט זיך אינגאנצען אונטערגעבען אונטער זיין שוץ. צי פארדריסט דאס איהר אלץ? זיכער ניט. זי גארט שוין אליין נאך אזא סארט לעבען פון זיכערקייט און שוץ. לארי'ס ליבע צו איהר נעמט אלץ אריין.

נאר היינט! היינט וואלט זיך איהר וועלען, עלינאר'ן, א הוליע טאן. נאך איין מאל צו האבען עפעס אן אוואנטיורע. — „דהי לעסט פלינג", — האט זי אומעטיג געשמייכעלט צו זיך אליין. זי האט זיך אפגעהאלטען פון אוואנטיורעס, איהרע אלע, יונג־מיידעלשע יאהרען. שטענדיג געהאט אין זינען ניט אריבערצוטרעטען די גרענעץ. נאר היינט וואלט זיך איהר וועלען א „לעב־טאן" צום לעצטען מאל.

זי האט פון דער זייט א קוק געטאן אויף איהר גוטען פריינט, אייב'ן. אייב איז ניט געווען דער וואזשנער קאוואליער, מיט וועלכען מען זאל קענען א הוליע טאן, האבען אן אוואנטורע, און דערפאר איז איהר שמייכעל איצט געווען אזוי אומעטיגער דעם גאנצען וועג, וואס זי איז געפאהרען מיט אייב'ן דאון־טאון אויף בראדוועי פארברענגען.

(ווייטערס — מארגען)

# א געשפרעך מיט דזשודיט קאפלאן'ס ערשטען לאיער, ארטשי פאלמער

(שלום פון עדיטאריעל פעידוש)

אלס לאיער איז זיין פליכט איהר אינטערעסען דעם געשפרעך און פרעגען ביי איהר אן ענטשיידונג וועגען דעם. אבער, האט פאלמער צוגעזעצט, ווי באלד ער וועט איהר איבערגעבען דעם פארשלאג, וואלט ער וועלען וויסען, וואס דער דזשאסטיס דעפארטמענט שלאגט פאר פאר דזשודיט'ן. אויף דעם האבען די רעגירונגס פארשטעהער געענטפערט, אז זיי האבען ניט די מאכט צו מאכען וועלכען עס איז דעפיניטיווען צוזאג, אבער זיי זיינען זיכער, אז דער דזשאדזש און די דזשורי וועלען זיך רעכענען מיט אזא טאט.

פאלמער האט איבערגעגעבען דזשודיט'ן דעם געשפרעך, און זי האט געגעבען אן ענטשיידענעם ניין.

פאלמער רעדט מיט סימפאטיע וועגען דזשודיט'ן, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי האט איהם זעהר מיאוס באהאנדעלט. זיין הויפט־אויסזעצונג געגען איהר האנדלונג איז דער פאקט, אז ביז דער לעצטער מינוט איז זי געווען מיט איהם פריינדליך און האט איהם ניט געזאגט קיין ווארט וועגען איהר פארלאנג צו דזשאדזש רייען, אז ער זאל איהר געבען נייע לאיערס.

אין זיינע געשפרעכען האט ער אפט פראבירט פארטיידיגען איהר האנדלונג. צום ביישפיל, איהר באשלוס ניט ארויפציגעהן אויף דעם וויטנעס־סטענד האט ער פארטיידיגט אויף דעם גרונד, אז זי האט מורא געהאט נאכאמאל דורכצומאכען די דערמאנונג פון איהרע אומאנגענעמע אפאינטמענטס מיט'ן לאיער שאפירא אין א פילאדעלפיער האטעל.

פאלמער טענה'ט נאך אלץ, אז דזשודיט איז אומשולדיג און אז זי האט ניט געארבייט פאר די קאמוניסטען. ער שרייבט־צו איהרע מאדנע טאטען צו איהר ניט־גליקליכען פערזענליכען לעבען. נאטירליך, אלס א גוטער מיטגליד פון דער דעמאקראטישער פארטיי, פארשטעהט ער ניט א סך זאכען וועגען דעם קאמוניסטישער באוועגונג, וואס מיר פארשטעהען בעסער. אבער א סך אמת וועגען דזשודיט'ס הינטערגרונט ערקלערען ניט נאר די טראגעדיע פון דזשודיט'ן און איהר פאמיליע, נאר די טראגעדיעס פון טויזענטער דזשודיטס, היסעס, פוקסעס און אנדערע.

אויף דזשודיט'ס חלק איז אויסגעפאלען אביסעל מעהר צרות ווי אויף אנדערע, אבער אין גרונט איז עס די אלגעמיינע וועלטליכע טראגעדיע.

דזשודיט איז געווען א געראטענע קינד פון דורכשניטליכע אלטמאדישע עלטערען. קיין צופיל פאמיליען לעבען האט דזשודיט ניט פארכאפט. איהרע עלטערען און איהר ברודער האבען זיך ניט אינטערעסירט מיט אלוועלטליכע און מענשליכע פראבלעמען. גראד די גוטע בילדונג וואס איז איהר געגעבען געווארען האט איהר אוועקגעצויגען צו אנדערע מענשען און צו אנדערע קרייזען. אין בארנארד קאלעדזש האט זי זיך אויסגעצייכענט אלס א סטודענטין; קיין צו־שעהנע איז זי ניט, אבער זי פארמאגט ברענענדע, קלוגע אויגען און א ים מיט ענערגיע און א געוויסען חן.

צו אזא מיידעל מיט אזא ערציהונג האבען ניט געקענט אפעלירען די דורכשניטליכע באיעס פון אושאן פארקוועי, וועמעס הויפט־אמביציע איז געווען צו מאכען ערפאלג אין ביזנעס. דזשודיט איז אריינגעצויגען געווארען אין די אינטעלעקטועלע אמעריקאנער קרייזען, און זי האט זיך דארט באקענט מיט א יונגען אמעריקאנער, דעם זוהן פון דעם בארימטען פרא־קאמוניסטישען מאלער ראקוועל קענט. (ער, דער פאטער, געפינט זיך איצט אין מאסקווע, וואו ער גיסט פעך און שוועבעל אויף אמעריקע.) זי האט געוואלט חתונה האבען מיט איהם, אבער די עלטערען פון ביידע זייטען האבען געזאגט א שטארקען ניין. דזשודיט האט איהם אויפגעגעבען און אום צו פארגעסען איהרע ביטערע געפיהלען האט זי זיך אפגעגעבען מיט שטודירען און מיט אן אומגעהויערען דורשט פאר ארבייט. אלס רעזולטאט פון איהר ענערגישער ארבייט אין איהר ניו יארקער אפיס איז זי אוועקגעשיקט געווארען אין וואשינגטאן, און דארט איז זי שטופענווייז געשטיגען, ביז זי איז געווארען אן אנאליסטין אין דעם דזשאסטיס דעפארטמענט מיט א געהאלט פון איבער פינף טויזענט דאלער א יאהר.

דאס לעבען פון א מיידעל אין וואשינגטאן, אהן א פאמיליע און אהן אן אמת'ן פריינט, איז שרעקליך איינזאם. עס איז קיין וואונדער ניט, אז די קאמוניסטישע נעץ, וואס איז ספעציעל צוגעפאסט פאר אזעלכע אומגליקליכע פיש ווי דזשודיט איז, זאט איהר געכאפט.

די שטראף, וואס דזשודיט האט באקומען פון דזשאדזש רייען, גלויבט פאלמער, איז ניט אזוי שרעקליך ווי די שטראף וואס זי האט באקומען פון דעם וואשינגטאנער דזשאדזש. לויט די פריזאן געזעצען קען דזשודיט באפרייט ווערען פון די 15 יאהר פריזאן נאך א טערמין פון פינף יאהר. פון די וואשינגטאנער צעהן יאהר קען זי אבער ניט, צוליב דעם אופן ווי דער ווערדיקט איז ארויסגעגעבען געווארען, באפרייט ווערען פריהער ווי זי זאל אפזיצען אכט און א האלב יאהר. דאס הייסט, צוזאמען דארף זי אפזיצען 13 און א האלב יאהר. דאס, דענקט פאלמער, איז צופיל אפילו ווען זי זאל זיין באמת שולדיג. „טאקיא ראוז" און „עקסים סאלי", וועלכע האבען פארראטען זייער לאנד אין צייט פון מלחמה, זיינען אפגעקומען מיט בלויז צעהן יאהר שטראף, ווייזט אן פאלמער.

פערזענליך גלויב איך, אז דזשודיט'ס לאיערס, אויב זיי זאלען האבען דעם אינטערעס פון זייער קליענטין אין זינען מעהר ווי די אינטערעסען פון א פארטיי, דארפען ווירקען אויף איהר, נאכדעם ווי גוביטשעוו וועט פארלאזען אמעריקע, אז זי זאל זיך מודה זיין. דאן וועלען זיי אפשר קענען מאכען וועלכען ס'איז דיל מיט'ן דזשאסטיס דעפארטמענט צו באפרייען זי.

**

וואס אמבאלאנגט גוביטשעוו'ן איז מיין איינדרוק געווען, אז ווען דזשאדזש רייען האט ערקלערט אז ער וועט דורכפירען דעם פארלאנג פון סעקרעטערי אוו סטעיט עטשיסאן און אטוירני דזשענעראל, אז מ'זאל איהם דעפארטירען, איז ער געווען דער אנטוישטסטער מענש אין קאורט רום. מיר שיינט, אז גוביטשעוו וואלט בעסער געוואלט פארברענגען א פינף אדער זעקס יאהר אין אן אמעריקאנער פריזאן איידער צוריקגעשיקט צו ווערען אין זיין פאטערלאנד. ווער ווייס וואס מען וועט דארט טאן מיט איהם.

# וואָס מיינען די ווערטער: ליבע, רחמנות און דעמאָקראַטיע?

(שלום פון עדיטאריעל פעידוש)

דער גוי נתפעל געווארען. אבער ער לויב מיר דיך צו פרעגען, ווי איז דאס מעגליך אז צוויי קוימענקעהרער זאלען ארויס פון קוימען און איינער זאל זיין איינגעשמירט און דער צווייטער ריין?

— זעהט מען דאך — האט דער בעל פילפול אויסגעשריען — אז א גוי קאן ניט פארשטעהן דעם תלמוד!

מיט דער זעלבער פאלשער לאגיק ארבייטען אט די אלע, וואס ווילען געבען די ווערטער אן אנדער טייטש. מיט דער פאלשער לאגיק ווערען היינט געשריבען טויזענטער ארטיקלען; עס ווערען געהאלטען לאנגע רעדעס. מיט דער זעלבער פאלשער לאגיק גיט מען אפ סטעיטמענטס.

וואדים דער פשוט'ער מענש קאן דאך פרעגען: ווי אזוי קאן סאוועט־רוסלאנד פארכאפען לענדער און זיך ערקלערען אלס באפרייער?

ווי אזוי קאן א מענש דער'הרג'ענען א צווייטען אויס רחמנות, ניט מורא־האבענדיג אפשר באגעהט ער א טעות?

ווי אזוי קאן מען דאס אנרופען ליבע אויף דער צווייטער זייט?

פרעגט ניט. אויף דעם זיינען דא פילאזאפען און וויסענשאפטסלייט און לאיערס, וואס ווייסען אזוי צו בויען א לאגישען באווייז אויף א פאלשען פונדאמענט, ווי די געשיכטע מיט די צוויי קוימענקעהרער.

פילפול קאן זיין א גאנץ פיינע קאפ־גימנאסטיק, אבער ווען עס האנדעלט זיך וועגען דער פרייהייט פון א פאלק און דעם לעבען פון א מענשען, מוז מען לערנען פשוט:

לא תרצח—דו זאלסט ניט מארדען! אהן קיין שום דריידלעך.

לא תגנוב — דו זאלסט ניט גנב'ענען! אהן שום פירושים.

דאס איז דער גראדער וועג ווי מענשען מוזען דענקען.

אניט, קאן מען אייך באווייזען, אז אן אנשטענדיגער מענש איז א שווינדלער, און א שווינדלער איז אן אנשטענדיגער מענש; אז רחמנות הייסט הרג'ענען, און ראטעווען הייסט אכזריות.

מיט אזא לאגיק, און מיט דער הילף פון די מאדערנע מארד־מאשינען, וועט אונטערגעהן די וועלט.

# די טעות'ן פון דזשאָרדזש קענאַן וועגען סטאַלין'ס פּאָליטיק

(שלוס פון עדיטאָריעל פּעידזש)

מיליאנען אין אין טעריטאריע, קריגט ער נייע אין אן אנדערער.

* * *

**טעות 3.** מר. קענאן מאכט דעם זעלביגען טעות ווי א סך אנדערע ניט־רוסען, ווען ער שטעלט זיך פאר סטאלין'ען ווי א נאכפאלגער פון רו־סישע נאציאנאליסטען און אימפּעריאַ־ליסטען. דער טעות וואלט ניט געווען וויכטיג אויב מר. קענאן מאכט פון דעם ניט פּראקטישע פּאליטישע אויספירונ־גען. זיין „קל וחומר" איז אזא: היות די רוסישע היסטארישע טראדיציע איז צו באוועגען זיך לאנגזאם, „אפּגריזענ־דיג" קליינע שטיקלעך פון ארומיגע מלוכות, דעריבער וועט אויך סטאלין געהן אויפ'ן זעלביגען שטייגער — לאנגזאם, פּאמעליך צוגרייטענדיג יע־דען שריט. דארף מען, הייסט עס, דערווייל ניט מורא האבען.

מיר דוכט זיך — און דאס וואונ־דערט מיך — אז מר. קענאן, ווען ער האט געשריבען זיין ארטיקעל, האט נאך אזוי ווי גאר ניט געוואוסט וועגען דעם, אז סטאלין האט; דורך מאאָ טצע־טונג איינגענומען גאנץ כינע. איז דאס „אפּגריזען א שטיקעלע"? א שעהן „שטיקעלע"! איז וואו איז דא די היסטארישע טראדיציע?! דער עיקר, אבער, איז, אז ס'איז בכלל ניט ריכטיג צו רעדען וועגען סטאלין'ען ווי וועגען א געטרייען נאכפאלגער פון אלט־רוסישע אימפּעריאלע טראדי־ציעס.

דער פּראצעס פון רוסישער אימפּע־ריאליסטישער עקספּאנסיע האט זיך אפּגעשטעלט שוין סוף 70גער יאהרען פון 19טען יאהרהונדערט. רוסלאנד איז געגאנגען דעם וועג פון אלע אימפּעריעס און מלוכות. אויך ענג־לאנד האט זיך געשאפען ניט קיין קליינע אימפּעריעלע. ביז איהר אימ־פּעריע האט אנגעהויבען איינשרומפּען. אין פראנקרייך איז געגאנגען אויפ'ן זעלביגען דרך, ביז'ן סוף פון די 80ער יאהרען. די איינציגע גרויסע מלוכה, וואס האט פּרובירט זוכען עקספּאנ־סיע שוין אין 20טען יאהרהונדערט, איז געווען דייטשלאנד. און פון דאַ־נען איז געקומען דער ערשטער וועלט־קריג.

דער סאוועטישער אימפּעריאליזם איז ניט א פּשוט'ע פארזעצונג פון אלט־רוסישען, צאַרישען — דאס איז גאר א נייער, רעוואלוציאנערער, אט אזא וואס איז געקומען אין פראנק־רייך נאך דער רעוואלוציע, ווען נאַ־פּאלעאן האט איבערגענומען די דיק־טאטור. סטאלין איז דער רוסישער נאפּאלעאן. און ער בויט א רעוואלו־ציאנערע אימפּעריע, וואס איז אין תוך אן אינטערנאציאנאלע, און ניט א נאציאנאל־רוסישע, פּראוואסלאווע, מאסקאלישע. אמת, ער באנוצט זיך היפּש מיט רוסישען נאציאנאליזם ווען ער וויל איינשפּאנען אין דער אימ־פּעריאליסטישער פּאליטיק די רוסישע אינטעליגענץ, די רוסישע גענעראלען און אינזשינערען, אהן וועלכע ער קען זיין פּאליטיק ניט דורכפירען. אבער זיין צוועק איז — וועלט־הער־שאפט פון קאמוניזם, ניט וועלט־הער־שאפט פון „צאר־באטיושקא" און פון דער פּראוואסלאווער קירך, אדער אפילו פון די סלאוויאנישע פעלקער.

* * *

**טעות 4.** און צוזאמען מיט אט דער פאלשער אפּשאצונג פון סטא־לינ'ס פּאליטיק, מאכט מר. קענאן אויך דעם פערטען, זעהר געפעהרליכען פעה־לער. ער האלט, אז סטאלין האט אראפּגעשלונגען אזא גרויסען און פעט־טען שטיק, אז ער מוז האבען בייך־וועהטאג, און קען דעריבער דערווייל מעהר ניט שלינגען קיין נייע שטיקער. איך האב מורא, אז מר. קענאן איז גאר א שלעכטער „מאגען־דאקטאר" ספּעציעל ווען עס האנדעלט זיך וועגען דעם מאגען פון א דיקטאטאר. פאראן א פויגעל — שטראוס — וואס שלינגט גאנצע שטיינער און שטיקער גלאז, און דאס שאדט איהם ניט. וואס הייסט אין א דיקטאטור „פארדייען"? אסימילירען קולטורעל און פּאליטיש? ערציהען אין זעלבסט־טעטיגקייט און דעמאקראטיע? ארגאניזירען דעם רייכען און פילזייטיגען און פרייען פּאליטישען לעבען? אויסלערנען דאס פאלק, וואס האט ביז דאן ניט געהאט קיין פּרעסע, קיין פּארלאמענט, קיין פרייע דיסקוסיע, קיין פרייע פּאר־איינען — זיי זאלען קענען אט די אלע אינסטיטוציעס ארגאניזירען? אויס־לערנען זיי פ ר י י ע דיסציפּלין און ארדנונג? זיי זאלען איינזאפּען אין זיך די אידעען און געוואוינהייטען פון דער פרייער קולטור?

אבער אין באלשעוויזם איז דאך אלץ קאפּויר, אלץ מיט'ן קאפּ אראפּ, מיט די פיס ארויף. ווען די קאמוניסטען נעמען איין א לאנד, פאדערען זיי, אז מען זאל פארגעסען וועגען פרייע וואה־לען, פרייען פּארלאמענט, פרייע פּרע־סע, פרייע פּאראיינען און אינסטיטו־ציעס. אלץ וואס זיי פארלאנגען איז — אז מען זאל פ א ל ג ע ן און ניט פרעגען קיין קשיות. זיי פאדערען ניט פרייע דיסציפּלין, נאר אייזערנע און בלינדע דיסציפּלין. איז וואס הייסט „פארדייען" און „אסימילירען" א לאנד? צווינגען די מענשען, זיי זאלען שווייגען, און ניט פאדערען. גע־בען די מענשען בעסערע עסען, בע־סערע וואוינונגען — דאס קענען זיי דאך סאי ווי סאי ניט! א לאנד וואס ווערט קאמוניסטיש, איז אלעמאל ערגער „אפּ", ווי פ א ר דעם קאמוניזם. דער אונטערשייד איז דער — אז אין א פרייען רעזשים באקלא־גען זיך די מענשען און פאדערען, און „האבען די ברירה": קויפען זיי אנדע־רע צייטונגען, וועהלען אנדערע פּאר־טייען, האלטען אנדערע רעדעס. אונ־טער'ן קאמוניזם זיינען זיי פון אט די אלע מעגליכקייטען „באפרייט". ני־טא קיין לייכטערע ענין ווי שאפען א קאמוניסטישע פּרעסע: א י י ן עדיטאָריעל פאר אלע אויסגאבעס, די זעלביגע אפיציעלע ארטיקלען — און אראפּ פון מארק. איז דען שווער צו־צוגרייטען איין איינציגע צייטונג יע־דען טאג? דאס קענען טאן אפילו די פאר קאמוניסטישע שרייבער וואס זיינען דאך פאראן אפילו אין קלענ־סטען לאנד.

די פּראַקטיק פון קאמוניזם האט באַ־וויזען, אז יעדע קאמוניסטישע לאנד קען רעגירט ווערען מיט דער הילף פון א קליינער קאמוניסטישער פּאר־טיי, אזוי לאנג ווי די מאכט געפינט זיך אין די הענט פון דער ארמיי — דער אייגענער, נאציאנאלער, ווי אין כינע, אדער דער רוסיש־סאוועטישער, אדער א קאמבינירטער — פון לאקאַ־לע קאמוניסטישע גרופּעס אונטער דער אנפירונג פון סאוועטישע קאפּיטאַ־נען און קאמיסארען — הינטער וועלכע עס שטעהט די גיגאנטישע מאכט פון רוסלאנד און איהר נ. ק. וו. ד. סטאלין דארף גאר ניט זיין ד י ר ע ק ט דער הערשער פון יעדען איינציגען לאנד — ער איז בלויז דער הויפּט־קאמאנדיר איבער די הונ־דערטער טויזענדער אונטער־קאמאנדי־רען, וואס פאלגען יעדען וואונק פון זיין פינגער.

* * *

פון פאלשע גרונט־הנחות קענען ניט ארויסקומען ריכטיגע אויספירונגען. מר. קענאן מאכט אבער גאנץ ריכטיגע אויספירונגען — ווייל זיינע הנחות זיינען לאגיש נישט פארבונדען מיט זיי־נע אויספירונגען. ער זאגט: מען קען ניט וויסען, צי א מלחמה מיט רוסלאנד וועט קומען צי ניט. וואר־שיינליך ניט, אבער אפשר יא. אפשר באלד און אפשר גאר ניט באלד. אפשר א גרויסע און אפשר א קליינע. אבער מיר רייזען זיך דערווייל ירויטען. דאס לעצטע איז ריכטיג — מען מוז זיך גרייטען. אבער איז דאס גענוג? האט דען מר. עטשיסאן און זיין וואַ־שינגטאנער רעדע אין אדווערטאיזינג קאונסיל, דעם 9טען מארטש, ניט גע־זאגט אזא מין זאך: „עס קען זיך טרעפען, אז מיר וועלען פארלירען דעם קאמף אפילו אהן אן איינציגען שאס"? דעריבער איז די פּראבלעם ניט די, אז מען דארף זיך גרייטען — דאס איז אפּגערעדט. אבער ווי א ז ו י צו גרייטען זיך?!

אויף דעם גיט מר. קענאן קיין ענט־פער ניט, און פון זיינע טעאריעס דרינגט מען קיין ריכטיגען ענטפער ניט ארויס.



# א לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

• פון מרים ראַסקין

(פארזעצונג)

פ ו פ צ ע נ ט ע ר   ק א פּ י ט ע ל

עס איז געווען א קאלטער דעצעמ־בער אווענט. אן עסענדיגע, טרוקענע לופט האט געביסען די אויערען. נאר אייבי האט גארניט געפיהלט, אויסער זיין גרויס פארגעניגען. אלץ האט זיך אויסגעלאזען ווי ער האט אויסגעפלאנט און אויסגע'חלומ'ט. אט איז ער שוין אויף בראדוועי אינ־איינעם מיט עלינאר'ן. זיי מישען זיך אויס מיט דער מאסע מענשען דארט, און אלע זיינען דא אזוי אויפגעלעבט און לוסטיג. עס הערט זיך פון אלע זייטען באלעבטע שמועסען.

עס איז ליכטיג און לוסטיג אויף בראדוועי. און אייב געהט מיט זיין מיידעל, עלינאר'ן. ער האלט איהר פעסט אונטער'ן ארעם. זיין קאפּ איז אויפגעהויבען הויך, ווי מיט אן ארויסרוף צו דער וועלט. ווער איז איצט צו איהם גלייך?

עלינאר איז אנגעטאן אין איהר ווינטערדיגען מאנטעל, וואס איז באַ־פּוצט מיט פוטער, אין א היטעלע פונ'ם זעלבען פוטער. און די ברוינע, טונקעלע האר איהרע פאלען אין לאַ־קען ארום איהר דינעם, מאַט־בלייכען פּנים. אייב בויגט זיך אן צו איהר, ער קוקט איהר אין די אויגען. און ער גיט ביי איהר א פרעג:

— נו, דו ביזט צופרידען, עלינאר, וואס מיר זיינען היינט געקומען אהער?

— יע, איך בין זעהר צופרידען, — ענטפערט זי איהם אפּ. — איך בין שוין לאנג דא ניט געווען. האב זיך שוין טאקע פארבענקט נאך בראדוועי.

עלינאר האט ליב געהאט די שטאט ניו יארק, מיט אלע איהרע פארשיי־דענארטיגקייטען. מאַזונדערס האט זי ליב געהאט די רייכע, שעהנע גאסען פון דאַון־טאַון. מעהר ווי די שטילע, פאַרשלאפענע בראנקס. דא האט זי געזעהן מעהר גרויסקייט און פארנעם.

און אין דעם רעש און געיעג פון די מענשען האט מען זיך געקענט פארגעסען און אויס'חלומ'ען אלער־ליי שעהנע חלומות.

ארום זיי האבען פארלעך, יונגע און לוסטיגע איינס נאכ'ן אנדערן זיך אוועקגעאײלט צו די אריינגאנגען פון די טעאטערס, ניט צו פארשפעטיגען די פארשטעלונגען. דער יום־טוב האט אראפּגעשיינט פון אלעמענ'ס פּנים'ער. נאר קיינעם איז ניט געווען אזוי גוט ווי אייב'ן. ער האט גאר פארגעסען, אז ער איז ווען־עס־איז געווען ניט־געשיקט און האמטנע אין באציהונג צו מיידלעך. איהם איז איצט גוט גע־ווען, און ער האט זיך געפיהלט פריי און היימיש מיט עלינאר'ן און עס האט זיך איהם גערעדט גרינג וועגען וואס נאר ער איז אים געקומען אויפ'ן זינען, און עלינאר האט דאך געקענט זיין אזוי ליב, אז זי האט נאר גע־וואלט...

א שמייכלענדיגער האט ער זיך איינגעקוקט אין די עלעקטרישע שיל־דען אומעטום ארום איהם. ער האט געפרואווט לייענען די פייערדיגע אויפשריפטען אויף זיי. א ים מיט פייערלעך האבען זיך געצונדען און גע־לאשען און ווידער זיך געצונדען. שטראמען פון עלעקטרישען ליכט זיי־נען געשוואומען אין דער לופט. ניטא אויף דער וועלט נאך אזא פלאץ ווי דא, אויף בראדוועי. עס איז געווען פאר איהם ווי א וואונדערלאנד.

אייב האט נאכגעקוקט אלע פארביי־געהענדיגע פארלעך. איהם האט זיך געגלוסט צו טרעפען דא א באקאנטע; מענשען. מען זאל איהם דא איצט זעהן אינאיינעם מיט עלינאר'ן, און זא־לען זיי אלע פון דעם וויסען.

עלינאר און אייבי זיינען דערנאך אוועק עטליכע גאסען ווייטער און זיי האבען זיך פארנומען צו דער איין און פופציגסטער גאס. אט זיינען זיי שוין געווען לעבען דעם גרויסען „ראקסי טעאטער". דער באדינער ביי דער טיר, אנגעטאן אין זיין שעהנעם יוני־פארם, האט זיך פאר זיי פארנויגט, און מיט א ווייז פון זיין האנט האט ער זיי איינגעלאדען צו אריינקומען אינעווייניג און געניסען פארגעניגען. און אייבי'ן האט זיך געדאכט, ווי נאר פאר זיי ביידען האט ער זיך דאס אזוי פארנויגט פריינטליך.

אייב האט אריינגעפירט זיין דאמע אין דער לאבי, זי זאל דארט אויף איהם ווארטען, און אליין איז ער געלאַ־פען קויפען בילעטען. ער האט זיך גע־זאמט לאנג, ווייל אויסער איהם זיינען נאך יונגע מענשען געשטאנען און גע־ווארט ביי דער קאסע. דערנאך איז ער צוגעקומען צו עלינאר'ן מיט די צוויי בילעטען אין האנט, א צעהיצטער און א שיינענדיגער — נו, איצט קום! — האט ער איהר א נעם געטאן פאר דער האנט.

נאר ער האט זיך נאך א ווײלע דא פארהאלטען. די שעהנקייט פון דער לאבי האט פארכאפּט זיין אויג. די שעהן־באמאלטע ווענט, מיט די וואונ־דערליכע, קאלירפולע בילדער, דער גע־וועלבטער סופיט און די טונקעלע ליכט אומעטום, אזוי ווי אין א קירכע. די מענשען האבען זיך דא באוועגט מיט שטילע טריט איבער דעם ווייכען טעפּיך אויפ'ן איל און זיי האבען גערעדט שטיל צווישען זיך.

— ס'איז דא אלץ אזוי גרויסארטיג שעהן און רייך, — האב אייב זיך אפּ־גערופען.

— דו ביזט שוין דא אמאל געווען, אייב? — האט עלינאר ביי איהם גע־פרעגט.

— יא, שוין א סך מאל, — האט ער א זאג געטאן. ער איז אפילו ניט געווען זיכער אויב דאס איז אמת וואס ער זאגט. נאר וואס האט איהם געארט?

— אין „פאראמאונט" איז אויך שעהן, — האט ער זיך אפּגערופען, ווי צו ווייזען איהר, אז ער איז ניט אזוי צוריקגעשטאנען ווי זי מיינט...

ענדליך זיינען זיי אריין אינעווייניג אין גרויסען, טונקעלען זאל. ווי האַ־בען אויף גיך זיך אוועקגעזעצט אויף זייערע ערטער אינאיינעם מיט דעם גרויסען עולם ארום זיי. עלינאר איז פארכאפּט געווארען פון דעם אינהאלט אין דער מואווי: א מיידעל האט גע־האט א בחור, אן ארטיסט. ער איז אבער געווען ארעם, און קיין שום איינ־זיכטען האט ער ניט געהאט צו קענען באזארגען א פרוי מיט א ריכטיגער היים. זי האט איהר געליבטען איבער־געלאזען און חתונה געהאט מיט א רייכען מאן. נאר דעם גאנצען לעבען האט זי געבענקט נאך איהר ערשטען געליבטען. עס איז געווען א געוועהנ־ליכע געשיכטע. נאר די אקטיארען האבען געשפּילט זעהר גוט, און עלינאר האט שטארק הנאה געהאט פון דער מואווי.

נאכדעם איז געווען א נומער פון גוטע מוזיק. דערנאך וואונדערליכע טענץ, מיט מיידלעך ווי שוועבענדיגע אין דער לופטען. און צום סוף איז געווען א „וואדעוויל" מיט א סך שפּאס און גוטע וויצען. און עלינאר האט א סך געלאכט און זיך גוט אמוזירט. אייב האט אויך געלאכט, און אזוי וואונדער־ליך פארבראכט דעם גאנצען אווענט. נאר אז מען זאל ביי איהם פרעגען וואס עס האט פּאסירט אין דער מואווי און וואס פאר א סארטען ווערט־לעך און וויצען עס זיינען געווען אין דעם „וואדעוויל", וואלט ער ניט גע־וואוסט וואס צו ענטפערען. ער האט קוים געקענט אויסכאפּען דעם מיין פון דאס אלץ. און עס האט זיך איהם גלאט אזוי געלאכט, פון איבערפלוס מיט פארגעניגען צו זיצען דא אינ־איינעם מיט דעם מיידעל, וואס האט פארכאפּט זיין הארץ.

אין דעם גאנג פון אווענט האט אייב עטליכע מאל אנגענומען עלינאר'ן פאר דער האנט, זיך א שפּיל געטאן מיט איהרע לאנגע, דינע פינגער. זי האט דאס איהם געלאזען טאן, און זי האט איהר האנט אזוי גיך ניט אוועקגענומען פון איהם. דערצו האט זיך נאך אזוי ליב א שמייכעל געטאן צו איהם אין מיטען דער פארשטעלונג.

עס האט שוין געהאלטען דערביי, אז ער זאל איהר ארומנעמען, אזוי ווי זי איז געזעסען לעבען איהם, און ער זאל איהר א קוש טאן אין באק. און קיינער וואלט דאס ניט געזעהן, ווייל אין זאל איז דאך געווען האלב פינ־סטער, נאר עס האט איהם אויסגעפעלט קוראזש דאס צו טאן. עלינאר וואלט נאך אפשר געווארען אין כעס אויף איהם דערפאר, און מעהר ווי דאס וואלט איהם ניט געפעלט.

איז געווען גוט אזוי אויך. ער איז דאנקבאר געווען פאר די סך גוטע מינוטען, וואס איז היינט אויסגעפאלען אויף זיין גורל. עס וועט זיין וואס צו געדענקען אויף זיין גאנצען לעבען.

— וועיק אפּ, אייב, איט'ס מי! (כאפּ זיך אויף, אייב, דאס בין איך) — האט עלינאר איהם א טורקע געטאן פאר'ן ארבעל ווען אויף דער סצענע איז שוין אלץ געווען געענדיגט. עס איז איהם א שאד געווען אוועקצוגעהן פון דאנען. נאר זיי האבען זיך ביידע אויפגעהויבען. אנדערע מענשען אין לאבי האבען שוין געווארט אויף זייע־רע ערטער. אז זיי זיינען ארויס אין גאס האט נאך בראדוועי אלץ געלויכ־טען און געשימערט, און די מענגעס מענשען זיינען נאך דא אויך געווען אויפגעלעבטע און לוסטיגע, ווי אין אן אייביגען יום־טוב.

———

— און איצט איז נאך פארבליבען אריינצוגעהן מיט עלינאר'ן אין א „סוועל" רעסטאראן, — האב אייב אין זיך א טראכט געטאן. אלץ איז צוגעגאנגען פּונקט ווי ער האט פריהער אויסגעפּלאנט און אויסגערעכענט.

— מיר וועלען אריינגעהן ערגעץ כאפּען א ביים, דו ווילסט, עלינאר? — האט ער ביי איהר געפרעגט, און זיי האבען זיך אפּגעשטעלט אינמיטען גאס.

— איך בין ניט הונגעריג, — האט עלינאר געזאגט.

— איך בין הונגעריג ווי א וואלף,— רופט זיך אפּ אייב. ער האט זיך היינט אנגענומען מיט א סך קוראזש, און עלינאר האט קיין מוט ניט געהאט איהם אפּצוזאגען.

(ווייטערס — מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— אין וועלכען רעסטאָראַן ווילסטו געהן, איוב? שמייכעלט עלינאָר אויף זיין דרייסטקייט.

— עס פעלען דען אויס רעסטאָ־ראַנטס? פאַראַן „טשאַילדס", אָדער „ביקפאָרדס". זיי האָבען אַלע גוטע עסענס, — רופט זיך אָפּ איוב מיט גרויס אויטאָריטעט.

— אויב שוין יאָ ערגעץ אריינגעהן עסען, איז אין אַן „אויטאָמאַט" — לייגט פאָר עלינאָר. זי האָט דאָך ניט געוואָלט אויסברענגען אייבי'ן קיין צו־פיל געלט.

— פאַראַן אַן אויטאָמאַט דאָ ניט ווייט אויף דער זיבען און פערציג־סטער גאַס.

— אַז דו ווילסט נאָר דאָרט, — רעדט אַרויס איוב ווי אָהן חשק. און זיי לאָזען זיך אַהין געהן. און אַט שטופּען זיי זיך שוין דורך דורך דער דרעה־טיר פון דעם „אויטאָמאַט" און זיי זיינען שוין אינעווייניג.

איוב פיהלט זיך דאָ היימיש אין אַזאַ פּלאַץ, און ער רופט זיך אָפּ צו עלינאָר'ן:

— מיר וועלען אַרויפגעהן אויבען, אויף דער גאַלעריע.

— פאַרוואָס עפּעס אויבען? — פרעגט עלינאָר מיט אַ גלייכגילטיגען טאָן.

— דאָרט זיצט אַלע מאָל אַ בעסערער קלאַס מענשען, — ענטפערט איוב. אין אמת'ען האָט ער גאָר געוואָלט זיין מיט איהר דאָרט וואו עס איז ווענינער רעש, אַז ער זאָל זיך פיהלען מעהר אינטים, אָפּגעזונדערט, און זיי זאָלען נאָך אַ ביסעל קענען שמועסען און פאַר־ברענגען.

— גוט, זאָל זיין דאָרט, — שטימט זי איין, עלינאָר. און זיי לאָזען זיך געהן מיט די געדרעהטע טרעפּ, וואָס פירען אַרויף צו דער גאַלעריע.

זיי האָבען געפונען אַ ליידיגען טיי־שעל. איוב האָט אַרויסגערוקט אַ שטול פאַר עלינאָר'ן און איינעם פאַר זיך, געהייסען איהר זיך זעצען, און ער וועט געהן ברענגען דאָס עסען. זאָל זי נאָר אָרדערען וואָס זי וויל פאַר סאַפּער. נאָר עלינאָר האָט גאָר ווענינ געוואָלט עסען.

— אַ קאַפע און עפּעס צובייסען: קיכעלעך אַ פּאָר וועט זיין גענוג.

— דאָס אַלץ וואָס דו וועסט עסען? ס'איז ניט גענוג. — איז ער ניט געווען צופרידען. ער האָט געוואָלט אויסגע־בען וואָס מעהר געלט פאַר דער־מיי־דעל, וואָס ער האָט ליב.

איוב איז אַוועק ברענגען דאָס עסען און עלינאָר האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דער פּאַרענטש פון דער גאַלעריע און אַראָפּגעקוקט אונטען אין זאַל, וואו עס האָט געווימעלט מיט מענשען. אַ ים מיט קעפּ האָבען זיך געוויגט פאַר איהרע אויגען. עס האָט זיך איהר גע־גלוסט אין דער מינוט זיך אויסמישען מיט יענער מאַסע מענשען, זיך צוויי־שען זיי פאַרלירען, אָדער גאָר זיך אַוועקטראָגען ערגעץ ווייט פון דאַנען, אין דער לופטען. אַזעלכע מאָדנע פאַנטאַזיעס זיינען איהר איצט איינ־געפאַלען. עס איז חיינט דער לעצ־טער אויפשוואונג איהרער „דהי לעסט פלענג" — האָט זי אומעטיג געשמיי־כעלט צו זיך אַליין.

איוב האָט געטראָגען די טאַץ עסענ־וואַרג פאַר זיי ביידען, שטאָלץ, ווי אַ פּרינץ. ער האָט אויסגעזעהן לוסטיג און פרעהליך ווען ער האָט זיך אַזוי דערנעענטערט צו עלינאָר'ן.

— עס איז דאָ גאָרניט אַזוי שלעכט ווי איך האָב גערעכנט, נאָר אַלעמען.

— יע, איך האָב ליב צו עסען אין אויטאָמאַט, — האָט עלינאָר זיך אָפּ־גערופען. זי איז שוין געווען אַ ביסעל מיד, און זי האָט אויסגעצויגען איהר האַנט נאָך דעם טעפּעלע קאַווע. דאָס וועט איהר איצט אָפּפרישען. איוב האָט אויך זיין פּאָרציע סאַפּער אַראָפּ־גענומען פון טאַץ און ער האָט צוגע־קוקט מיט פאַרגעניגען ווי עלינאָר האָט געטרונקען איהר קאַווע און צו־געביסען. ער האָט הנאה געהאַט פון זיצען מיט עלינאָר'ן און קוקען אויף איהר. פון אַלץ האָט ער היינט גע־האַט פאַרגעניגען, און ער האָט אויס־געזעהן זעהר געהויבען.

עלינאָר'ן האָט זיך אַפילו שוין אי־בערגעגעבען זיין געהויבענע שטימונג. נאָר אינמיטען פון דעם האָט זי עפּעס דערפיהלט אַן אומרוהיגקייט. — „ניט געדאַרפט אפשר די גאַנצע זאַך, זיך פאַרבינדען מיט אייבי'ן אַ גאַנצען אָוועַנט. ווען לאַרי דערוויסט זיך דאָס, וואָלט ער אפשר דאָס גאָרניט געוואָלט ליידען." — זי האָט באַשלאָסען, זי וועט אַליין לאַרי'ן פון דעם דערצעה־לען. וואָס איז דען פאַר איהר אייב? גאָרניט...

איוב האָט זיך איצט צורעדט מיט מעהר פרישקייט. ער האָט עלינאָר'ן גענומען דערצעהלען פון זיינע אַרביי־טען אין קאָלעדזש, אויף וויפיל ער האָט דאָרט ערפאָלג, און ווי די פּראָ־פעסאָרען ליבען זיין „ריסוירדזש"־אַר־בייט. ער האָט גענומען פאַנטאַזירען פון זיין צוקונפט, און איהם האָט זיך איצט פאַרוואָלט אַ באַריהם טאָן זיך פאַר עלינאָר'ן:

— איך גיב זיך איצט אָפּ מיט די וויסענשאַפטען פון ביאָלאָגיע און פי־זיק, און מיר דוכט זיך, איך וועל אויף די געביטען קענען אַ סך דערגרייכען.

— אַי נאָו יו וויל מעיק גוד, איוב (איך ווייס, דו וועסט האָבען ערפאָלג) — האָט עלינאָר איינגעשטימט מיט איהם.

עס איז שוין געווען שפּעט, שוין באַלד עלף אַזייגער, און עלינאָר האָט זיך גענומען איילען געהן אַהיים. איוב האָט איהר געהאָלפען אָנטאָן דעם מאַנ־טעל. אַז זיי זיינען אַרויס אין גאַס איז שוין דאָרט שיטערער געוואָרען פון מענשען.

— איצט איז שוין מיט אַן אמת שפּעט — האָט עלינאָר אַן אומרוהיגע אַרויסגערעדט. — ביז וואַנען מיר וועלען נאָך קומען אַהיים, פאָהרענדיג מיט דער סאַבוועי...

— איך וועל צורופען אַ טעקסי — האָט איוב זיך אַ כאַפּ געטאָן.

— וואָס איז היינט דער מער מיט דיר, איוב? — האָט עלינאָר זיך אויף איהם געוואונדערט — וואו האָסטו גענומען אַזוי פיל געלט? האָסט גע־מאַכט אַ האָלד־אַפּ אויף אימיצען?

— סאַם דעי, עס וועט קומען אַ צייט ווען איך וועל נאָך דאָס אויך קענען טאָן! — האָט איוב געלאַכט. עלינאָר האָט איהם איצט גוט אָנגע־קוקט, און זי האָט אויך געלאַכט:

— דו זעהסט אויס אַזוי, ווי דו וואָלסט דאָס שוין געקענט טאָן.

זיי זיינען אַוועק אויפ'ן וועג צום סאַבוועי. עלינאָר איז שוין געווען גוט מיד, און זי האָט געוואונשען אַז זי זאָל שוין וואָס גיכער זיין אין דער היים. זיצענדיג מיט אייב'ן אויף דער סאַבוועי־באַנק האָבען זיי איצט וויינינ צווישען זיך גערעדט. אייבי'ן האָט אָנגעהויבען ווערען אַ ביסעל אומעטיג. שוין... זיין יום־טוב לאָזט זיך אויס... ער האָט פון דער זייט אָנגעקוקט איצט עלינאָר'ן... געפיהלט מיט אַלע זיינע חושים, אַז זי האָט איהם איצט גאָר־ניט אין זינען. באַלד וועט זי קומען אַהיים און זי וועט אין גאַנצען פאַר־געסען, אַז עס איז דאָ אַזאַ מענש ווי איוב אויף דער וועלט.

נאָך מעהר האָט ער אַזוי געפיהלט ווען זיי זיינען געקומען אין די בראָנקס. די גאַסען זיינען דאָ געווען אינגאַנצען ליידיג פון מענשען. מיט דער ביינאַכ־טיגער, בראָנקסער שטילקייט. אייב האָט עלינאָר'ן צוגעפירט צו איר שטוב. זי האָט זיך מאָדנע געאיילט. אייב האָט איהר אָנגענומען פאַר דער האַנט. ער האָט איהר געוואָלט דאַנקען פאַר די גוטע מינוטען, וואָס זי האָט איהם פאַרשאַפט, פאַר דעם גרויסען פאַר־גניגען וואָס ער האָט היינט געהאַט דורך איהר. נאָר אינמיטען פון דעם האָט עלינאָר אויפגעהויבען די אויגען צו די פענסטער פון איהר וואוינונג און זי האָט דערזעהן ווי אין ליווינג־רום ביי זיי איז נאָך ליכטיג.

„וואָס האָט פּאַסירט?" — האָט זי אַן אומרוהיגע געגעבען אַ טראַכט. די מאַמע איהרע דאַרף שוין איצט שלאָ־פען. זאָל דאָס זיין, אַז לאַרי איז גע־קומען און ער וואַרט אויף איהר? זי האָט געפיהלט ווי אַ ציטער געהט דורך איבער איהרע גלידער.

— גוד נאַיט, איוב! — האָט זי אין איילעניש זיך אָפּגעזעגענט מיט אייבי'ן, און זי איז אַרויפגעלאָפען איבער די טרעפּ צו זיך אַהיים.

## זעכצענטער קאַפּיטעל

עלינאָר איז אַרויפגעלאָפען די סך טרעפּ און געגעבען אַ שלים אויף די טיר און זי האָט פון קאָרידאָר געגעבען אַ לויף אַריין גלייך אין ליווינג־רום. דאָרט איז געשטאַנען לאַרי, מיט'ן עלנבויגען אָנגעשפּאַרט אָן קאַמין. ער האָט גערויכערט אַ פּאַפּיראָס און ער האָט אויסגעקוקט זעהר ערנסט און ניט צופרידען. דערביי, אין אַ טיפען שטול, איז געזעסען בעלאַ, עלינאָר'ס מאַמע. ווי עס ווייזט אויס, האָט זי געפּרואווט אונטערהאַלטען לאַרי'ן מיט אַ שמועס, ביז זי, עלינאָר וועט קומען צו געהן.

— העלאָו לאַרי! — האָט עלינאָר געגעבען אַ רעד אַרויס מיט געמאַכטער האָפערדיגקייט.

— העלאָו — האָט לאַרי שטיל אָפּ־געענטפערט, אַלץ אַזוי שטרענג־ערנסט.

— און דו, מאַ, ווי קומט דאָס וואָס דו שלאָפסט נאָך ניט? — האָט זיך עלינאָר געוואונדערט.

— איצט געה איך שוין טאַקע זיך לייגען שלאָפען — האָט בעלאַ אויך געצוואונגען אַ שמייכעל געטאָן. זי האָט זיך געזעגענט מיט לאַרי'ן און זי איז אַוועק צו זיך אין צימער.

לאַרי האָט געשוויגען שטיל און אַלץ גערויכערט זיין פּאַפּיראָס. ער האָט נאָר איצט גוט אָנגעקוקט עלינאָר'ס פּנים. אירע באַקען זיינען געווען הייס פאַרפלאַמט פון אויפרעגונג און דער בליק פון איהרע אויגען אַביסעל ווי איבערגעשראָקען. בעלאַ האָט איהם געזאָגט, אַז עלינאָר איז אַוועק צו אַ חבר'טע פאַרברענגען דעם אָוועַנט. נאָר עס זעהט נוט אויס, אַז זי זאָל האָבען פאַרברענגט מיט אַ חבר'טע. זי איז עפּעס צופיל צורודערט.

— לאַרי, אַזוי שפּעט ביזטו דאָ! — האָט עלינאָר אָנגעהויבען. — וואָס האָט פּאַסירט?

— גאָרניט — האָט לאַרי איהר געזאָגט — איך האָב נאָר געוואָלט דיך זעהן היינט.

צום ערשטען מאָל האָט זי איהם היינט געזעהן אַזאַ ערנסטען, און אַזוי צוריקגעהאַלטען.

(ווייטערעס — מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

זי האָט געגעבען אַ טו אוים איהר הוט און דעם מאַנטעל און אַ וואַרף געטאָן עס אויף אַ שטול. אַ פּיינליכע, דריקענדיגע שטילקייט האָט זיך מיט אמאָל אויסגעשפּרייט צווישען זיי. עלינאָר האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז זי וועט זיך ניט פאַרענטפערען פאַר איהם וואָס זי איז „אויסגעגאַנגען" היינט מיט אייבי'ן. זי האָט געהאַט אין זינען אַליין איהם אַלץ דערצעה־לען. נאָר איהר איז ניט געפעלען, וואָס ער, לאַרי, איז היינט געקומען אַהער ניט געבענדיג איהר פריהער צו וויסען דורכ'ן טעלעפאָן. אין דער מי־נוט האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ער איז געקומען אַזוי אומישנע. ווי נאָר אויסצופּראָוועז איהר וואָס זי טוט אין די אָוונטען, ווען ער איז ניטאָ, און עס איז אויפגעקומען אין איהר אַ מין צו'להכעים געפיהל. ניין, זי וועט אים דערפאַר גאָרניט דערצעהלען.

— דו ביזט אויסגעגאַנגען ערגעץ? — האָט לאַרי איהר גענומען פרעגען.

— דו האָסט היינט מיט אימיצען גוט פאַרבראַכט? — האָט ער געפּראָוואוט רעדען פריינטליך צו איהר. נאָר עלי־נאָר'ן האָט זיך געדוכט, זי הערט אין זיין שטימע אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט איהר באַשולדיגט.

— יעס, וואָהאי נאָט? (פאַרוואָס ניט?) — האָט זי אָפּגעענטפערט אַ טראָציגע, ווי אַן אַרויסרופענדיגע. לאַרי האָט איהר אָנגעקוקט ערשטוינט. ער האָט זיך אָפּגערופען:

— זיכער. איך זאָג דיר דען, אַז דו דאַרפסט אין ערגעץ ניט געהן?

ער האָט פאַררויכערט נאָך אַ פּאַ־פּיראָס, אַ בלאָז געטאָן דעם רויך אַרויף צום באַלקען און ער איז אַלץ געשטאַנען אין דער זעלבער פּאָזע ביים קאַמין. עלינאָר'ן האָט אָנגענו־מען אַ כעס. וואָס איז ער אַזוי ערנסט היינט? וואָס מאַכט ער אַזאַ ווענען?

— דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דו וועסט זיין פאַרנומען מיט דיין אַר־בייט אין האָספּיטאַל די קומענדיגע

עטליכע טעג, און דו וועסט ניט קע־נען קומען מיך זעהן?

לאַרי האָט ניט ווילענדיג אַ לאַך געטאָן מיט ביטערקייט. ס'האָט גע־הייסען, אַז אויב ער איז אין די אָוונ־טען פאַרנומען, קען זי שוין טאָן וואָס זי וויל נאָר. לאַרי האָט עלינאָר'ן זעהר ליב געהאַט, און ער האָט איהר געגלויבט, אַז קיינמאָל וועט זי איהם ניט פאַרראַטען הינטער'ן רוקען. נאָר אַזוי שטאַרק איז אויך געוועזען זיין איי־פערזוכט אין איהם, און יעדע קליי־ניגקייט האָט געקענט אין איהם אַרויסרופען פאַרדאַכט.

— לאַך ניט אַזוי! — האָט עלי־נאָר איהם ניט אָפּגעלאָזען. — זאָג מיר בעסער וואָס האָט דיך געמאַכט אַז דו זאָלסט היינט קומען אַהער? איך וויל דאָס טאַקע וויסען.

— איך בין געקומען צופעליג אַהער. איך האָב געהאַט אַ פּאָר שעה צייט, האָב איך דיך געוואָלט סורפּריי־זען — האָט ער צו איהר גערעדט קאַלט, ערנסט.

— אַ פיינע צייט האָסטו אויסגע־קליבען אויף צו סורפּרייזען מיך.

— דו ביזט ערגעץ געווען פאַר־ברענגען? פאַרוואָס ווילסטו מיר ניט זאָגען?

— יעס, מיט אַ באָי, האָב איך היינט פאַרבראַכט דעם גאַנצען אָוונט.

— אַה, אַזוי? איך האָב פאַרשטאַ־נען באַלד...

— וואָס האָסטו פאַרשטאַנען? — האָט זי מיט כעס זיך אַ וואַרף געטאָן אַנטקעגען איהם. זי איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר אויפגערייצט געוואָרען. דערפאַר וואָס זי האָט זיך ניט גע־פיהלט שולדיג אַנטקעגען לאַרי'ן, איז איהר פאַרדראָס אויף איהם אַלץ גע־וואַקסען, אַזוי אַז איהר איז שוין שווער געווען זיך צו באַהערשען. קיינ־מאָל האָט זי נאָך ניט דורכגעלעבט אַזעלכע מינוטען פון אויפרעגונג זינט זי האָט לאַרי'ן דערקענט.

עס האָט איהר אויפגערעגט זיין זי־כערע פּאָזע ווי ער שטעהט אַזוי אַנט־קעגען איהר, ווי ער וואָלט זי גע־משפּט. דער בליק פון זיינע קלוגע אויגען פאַרשמעלערט און שאַרף. אַלע מאָל האָט ער אַזוי געקוקט אויף איהר מיט אַנטציקונג, און היינט איז זיין בליק פאַרדעכטיג, פּרעגענדיג. זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען, עלינאָר. אַ נערוועזע און אַ פאַרפּלאָנ־טע האָט זי זיך האָסטיג אַוועקגעלאָ־זען איבער'ן צימער, פון איין ווינקעל צום אַנדערען, און אויפ'ן וועג האָט זי נערוועז געצופּט אַ טיכעלע, וואָס זי האָט געהאַלטען אין האַנט.

— דו ווילסט מיך שוין דאָמינירען, אַנהויבען זאָגען דעות וואָס איך זאָל טאָן! — האָט זי מיטאַמאָל אויסגע־פּלאַצט אויסער זיך פון כעס. — וואָס וועט שוין זיין שפּעטער? דערווייל האָבען מיר נאָך ניט חתונה געהאַט!...

אַ ווייל איז זי געשטאַנען אַזוי אַנטקעגען איהם אַ טראָציגע, אַן אַרויסרופענדיגע. נאָר באַלד האָט זי אַזוי ווי אַליין זיך איבערגעשראָ־קען פון אירע אייגענע רייד, און זי האָט פאַרשטעלט איהר פּנים מיט ביידע הענט. איהרע אַקסלען האָבען נערוועז אַ צוק געטאָן.

לאַרי איז ערשטוינט געוואָרען זע־הענדיג איהר אַזאַ און הערענדיג איהר אַזוי רעדען. ער האָט מיט האַסט אַ וואַרף געטאָן דעם פּאַפּיראָס פון זיך. אַ ווייל איז ער געבליבען שטעהן פאַרלאָרען. ער איז שוין געוואוינט געווען עלינאָר זאָל אַרויסווייזען אַ „טעמפּער", נאָר אַזאַ ווי זי איז היינט, האָט ער איהר נאָך קיינמאָל ניט גע־זעהן. ער איז אומרוהיג געוואָרען און שטאַרק באַזאָרגט וועגען איהר. וואָס זאָל ער טאָן? ווי אַזוי זאָל ער מיט איהר רעדען? ער איז געווען איצט אַזוי אויפגערודערט, שוין באַלד ווי עלינאָר אַליין. עס איז וועהטאָגדיג געווען דער איבעררייד צווישען זיי. וואָס האָט היינט מיט איהר פּאַסירט?

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר און מיט אַ צערטליכער באַוועגונג האָט ער אַראָפּגענומען איהרע הענט פון פּנים. עלינאָר האָט צוגעמאַכט די אויגען און אַ ציטער געטאָן.

—עלינאָר, זיי ניט אַזוי — האָט ער זיך ביי איהר געבעטען. עלינאָר'ן האָט שוין, ווייזט אויס, אַליין אויך פאַרדראָסען וואָס זי האָט דאָ אויפ־געטאָן. צוליב וואָס האָט זי פאַרפירט אַ קריג מיט לאַרי'ן? ער איז דאָך ניט שולדיג אין קיין זאַך. איהר האָט זיך אַפילו געדאַכט איצט ווי זי הערט איהר מאַמע'ן זיך רודערען אין איהר צימער, אַז די מאַמע הערט די גאַנצע סצענע. גרויס חרטה איז איהר באַפאַ־לען, און זי האָט געהאַלטען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען נידעריג. לאַרי האָט פאַר דער האַנט זי צוגעפירט צו דער אָטאָמאַנע און זיי האָבען זיך ביידע אַוועקגעזעצט. איצט האָבען זיי ביידע שוין געקענט רוהיגער רעדען.

— פאַרוואָס קענסטו מיר ניט דער־צעהלען, עלינאָר, וואָס האָט פּאַסירט מיט דיר היינט אין אָוונט? — האָט לאַרי געפּרואווט רעדען מיט אַ געלאַ־סענעם טאָן.

— עס האָט גאָרניט פּאַסירט, לאַ־רי — האָט עלינאָר אַוועקגעשאַרט איהרע האָר פון שטערן.

— פאַרוואָס ביזטו אַזוי צוטראָגען? דו ביזט אַזוי אויפגערעגט. זאָג מיר.

— דו אַליין רעגסטו מיך אויף, לאַרי, אַז דו ווילסט וויסען.

— איך רעג דיך אויף? — האָט לאַרי זיך געוואונדערט. — מיט וואָס, עלינאָר?

— דו האָסט מיך געוואָלט אויס־פּרואווען, דערפאַר ביזטו היינט גע־קומען.

— ניין, ניט אויספּרואווען דיך בין איך געקומען. וואָס פעלט דיר אייך?

— דו שטעלסט מיר אַזעלכע פראַ־געס — האָט עלינאָר שוין גערעדט אין אַ רוהיגערען טאָן. זי איז איצט געווען צוגעשטילטער און בעסער אויפגעלעגט.

— איך האָב דיר געשטעלט נאָר אַן איינפאַכע פראַגע, עלינאָר —האָט לאַרי אויך שוין גערעדט ווייך.—איך האָב נאָר געוואָלט וויסען וואו האָסטו פאַרבראַכט דעם אָוונט, היינט.

— איך בין אויסגעגאַנגען היינט פאַרברענגען אַן אָוונט. נו, איז וואָס איז דאָ אַזוינס?

— מיט וועמען ביזטו געווען און אמת?

וואו? דו מעגסט דאָך מיר דערצעה־לען.

— מיט אייבי'ן. מיט אייב גאָרדאָן

— האָט עלינאָר אָנגעקוקט לאַ־רי'ן, ווי צו זעהן וואָס פאַר אַן איינ־דרוק דאָס וועט אויף איהם מאַכען און צי ער וועט ניט ווערען אין כעס.

— אַה, אַזוי? — איז לאַרי געוואָ־רען מעהר ערנסט. — איך האָב זיך טאַקע אַזוי פאַרגעשטעלט אַז מיט איהם — האָט ער אָפּענהאַרציג זיך מודה געווען פאַר עלינאָר'ן.

— נו, איז וואָס אַז מיט איהם? — האָט זיך עלינאָר אַ כאַפּ געטאָן. — ער איז אַ פריינט. איך קען נאָך איי־בי'ן איידער איך האָב דיך דערקענט, און איך גלייך איהם.

זיי האָבען איצט גערעדט צווישען זיך גוטמוטיג, האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט.

— אָבער דו ביזט ניט פאַרליבט אין איהם, עלינאָר. זאָג מיר דעם

— אַז דו וועסט מיר ניט גלויבען ווען איך זאָל דיר אפילו זאָגען.

— איך גלויב דיר, עלינאָר—האָט לאַרי איהר אָנגענומען פאַר אַ האַנט — נאָר איך וויל דאָך וויסען מעהר פון דעם אייבי'ן. דו האָסט געזאָגט וועסט מיך באַקענען מיט איהם.

(ווייטערס — מאָרגען)



# אַלעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • • • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— איך וויל דיך באקענען מיט אים, נאָר עס קומט אַלץ ניט אויס.

זי האָט איהם ניט געוואָלט זאָגען, לאַרי, ווי אייב האָט די לעצטע צייט איהר אויסגעמיטען. זינט זי און לאַרי האָבען זיך ליב געקראַגען און זיי קלייבען זיך ביידע חתונה האָבען, און זי האָט גאָר אויך אַזוי פיל ניט געוואוסט ווי שטאַרק אייב האָט איהר ליב. היינט אין אָווענט האָט ער עס ארויסגעוויזען מעהר ווי אַלע מאָל.

— ער האָט געזאָגט אַז ער פאָרט אוועק, אייב — האָט עלינאָר איצט לאַרי'ן דערצעהלט.

— וואוהין וויל ער פאָרען? — איז לאַרי נייגעריג געוואָרען צו וויסען.

— ער וויל זיך טראַנספערירען אין אַן אַנדער קאָלעדזש, ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט, און ער האָט געוואָלט איך זאָל מיט איהם געהן פאַרברענגען איין אָווענט, ווי אויף צו זעגענען זיך — האָט עלינאָר ווייטער דער-צעהלט.

— אַה, איצט פאַרשטעה איז שוין אַלץ — האָט לאַרי זיך אָפּגערופען.

— איז דאָס אַן עולה וואָס איך בין מיט איהם געגאַנגען?

— ניין, זיכער איז דאָס ניט קיין עולה. איך האָב דאָס ניט געזאָגט.

— ער האָט מיך אַזוי געבעטען. איך האָב ניט געקענט איהם אָפּזאָגען.

— נאַטירליך. פאַרוואָס זאָלסטו איהם אָפּזאָגען? דו האָסט ריכטיג געהאַנדעלט. ער איז דיינער אַ גוטער פריינט — האָט לאַרי גערעדט אויפ-ריכטיג, אמת'דיג.

ער האָט איצט אַליין געזוכט עלי-נאָר'ן צו באַרוהיגען. זיין פאַרדרוס אויף איהר האָט גענומען אָפּגעהן. ער האָט ניט געקענט זעהן ווי זי ליידט.

זי איז דאָך זיינע, זיין מיידעל, און אַזוי שטאַרק האָט ער איהר ליב.

— ער איז פאַרליבט אין דיר, דער אייב גאָרדאָן — האָט לאַרי איהר גע-זאָגט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — האָט איהם עלינאָר אַנגעקוקט פאַר-וואונדערט.

— איך פאַרשטעה דאָס פון דעם וואָס דו אַליין דערצעהלסט. ער וויל אַוועקפאָרען פון דאַנען אין אַן אַנדער שטאָט זיך לערנען. דאָס וויל ער פרו-ווען פאַרגעסען אַז דיר.

— אָבער איך בין דאָ גאָרניט שול-דיג. וואָס קען איך דען טאָן צו דעם —האָט עלינאָר אַזוי ווי פאַרענטפערט זיך פאַר לאַרי'ן.

לאַרי האָט אַ שמייכעל געטאָן:

— געוויס ביזטו ניט שולדיג, עלי-נאָר: וואָס פאַר אַ קינד דו ביזט. — ער האָט אַנגענומען איהר האַנט אין זיינע ביידע הענט און גערעדט צו איהר איצט האַרציג, געטריי:

— נו, דערצעהל מיר ווי איז צו-געגאַנגען דער גאַנצער אָווענט. וואו זיינט איהר ביידע געווען, דו און אייב. איהר האָט עפּעס געהאַט אַ גוד-טאַים?

— מיר זיינען געווען אין „ראָקסי", געזעהן דאָרט אַ מואווי.

— אין „ראָקסי", אַ מואווי? — האָט לאַרי אַ לאַך געטאָן. — איז דאָס זיין באַגריף, אייבי'ס, צו געבען אַ מיידעל אַ גוד-טאַים?

— איך האָב דאָס אַליין אויסגע-קליבען — האָט עלינאָר איהם פאַר-זיכערט — עס איז געווען פיין. זיי האָבען אויך געהאַט גוטע מוזיק און אַ וואָדעוויל, און אויך טענץ.

— און פון דער מואווי זיינט איהר ניט געפאָרען גלייך אַהיים?

— ניין. מיר זיינען נאָך אַריין עפּעס איבערבייסען אין אַ אַטאָמאַט.

— אין אַ אַטאָמאַט? — וואונדערט זיך לאַרי.

— יע, איך האָב דאָס אַליין פאָר-געלייגט. ער איז דאָך אַן אָרימער באָי, אייב. איך האָב ניט געוואָלט ער זאָל אויסברענגען צופיל געלט אויף מיר.

— דו ווייסט, דו ביזט אַ וואונדער-ליכע מיידעל, עלינאָר — האָט איהר לאַרי געזאָגט.

עלינאָר האָט איהם גוט אַנגעקוקט, ווי אויסצוגעפינען אויב ער מיינט דאָס טאַקע מיט אַן אמת. די שטרענג-קייט פון זיין פּנים איז שוין געווען אַוועק און אין זיין שטימע איז געווען אַ צערטליכקייט, אַ פאַרשטענדע-ניש. דאָס, וואָס זי האָט אַזוי ליב גע-האַט אין איהם פון אַלע מאָל.

— גיב מיר אַ פּאַפּיראָס, לאַרי — האָט זי איהם געבעטען.

איצט זיינען זיי ביידע געזעסען און גערויכערט און געשוויגען אַ ווייל'ע.

— איט וואָז פאַן (ס'איז געווען שפּאַסיג) — האָט עלינאָר זיך דער-מאַנט אַ פּאָר מאָמענטען פון היינ-טיגען אָווענט. וואָס זי האָט פאַר-בראַכט מיט אייבי'ן — דו האָסט גע-דאַרפט זעהן ווי ער האָט זיך געמיהט צו זיין אַ גוטער קאַוואַליער, ווי ער האָט אין אַנהויב געוואָלט מיר זאָלען געהן צו דער „בעסטער שאָו". דער-נאָך האָט ער געוואָלט מיר זאָלען אַריינגעהן אין דעם „בעסטען רעסטאָ-ראַן". און צום סוף האָט ער געוואָלט נעמען אַ „טעקסי", אַז מיר זאָלען ניט דאַרפען פאָרען מיט דער סאַבוועי אַהיים.

— יע, איך שטעל זיך פאָר, אַז אַזאַ דאַרף ער זיין — האָט לאַרי זיך אָפּ-גערופען. עלינאָר האָט זיך צו איהם אַ טוליע געטאָן. זי איז איצט גע-וואָרען אַזוי איינגערוהיגט. ווי אַ געצוימטע חיה'לע האָט זי זיך צו אים געלאַשטשעט.

— און דו ביזט שוין מער ניט אין כעס אויף מיר, לאַרי? — האָט זי אים געפרעגט.

— ניין — האָט ער איר אַרומגע-נומען און געקושט פאַר דעם ערשטען מאָל היינטיגען אָווענט. זיי האָבען ביידע איצט געוואָלט אָפּווישען דעם שלעכטען איינדרוק פון זייער קריג.

— און דו האָסט מיר ניט געוואָלט גלויבען — האָט עלינאָר אַנגעהויבען.

— דו ווייסט ניט ווי דו ביזט מיר טייער, עלינאָר. עס איז דאָך נאַ-טירליך, אַז איך זאָל וועלען וויסען אַלץ וואָס מיט דיר קומט פאָר.

— איך בין געווען אַזאַ נאַר — האָט עלינאָר זיך אַ פּיעסטשע געטאָן פאַר אים.

— יע, דו ביזט נאָך אַ קליין, נאַ-ריש מיידעל — האָט לאַרי איר גע-צערטעלט, האַלטענדיג איר אין זיינע אָרעמס. און עלינאָר האָט מיט איר האַנט זיך געשפּילט מיט זיינע האָר.

לאַרי האָט אַ קוק געגעבען אויף זיין האַנט-זייגערל און ער האָט באַלד זיך געגעבען אַ שטעל אויף, שוין גרייט צו געהן אַהיים.

— דו גייסט שוין אַוועק, לאַרי? — האָט עלינאָר געוואָלט נאָך אים אַ ווייל'ע פאַרהאַלטען.

לאַרי האָט איר אַנגעוויזען אויף זיין זייגערל, צוטראַגענדיג זיין האַנט נאָענט צו איר:

— קוק, עלינאָר, עס איז שוין זיבען מינוט נאָך צוויי. דו האָסט גאָר קיין באַגריף ניט פון צייט? — האָט ער געלאַכט. און עלינאָר האָט זיך אויש פאַרשעמט.

זיי האָבען זיך געזעגענט. און לאַרי, שטייענדיג שוין אַנגעטאָן אין זיין מאַנטעל און דעם הוט, האָט זיך אָפּ-גערופען צו איר:

— און איצט דאַרפסטו גיין גלייך אין בעט שלאָפען. דו מוזט זיך גוט אויסרוען.

—יעס, לאַרי — האָט עלינאָר מיט אים איינגעשטימט.

פאַרענדיג דערנאָך אַהיים מיט דער סאַבוועי אין יענעם שפּעטען ביינאַכט איז לאַרי'ס האַרץ געווען שווער, באַ-לאַדען מיט ספיקות. ער האָט עלי-נאָר'ן אַזוי ליב געהאַט, און ער האָט געמיינט ערנסט צו בויען זיין צוקונפט מיט איר אינאיינעם, צו חתונה האָ-בען מיט איר. דאָך זיינען געווען שוין ביי אים מינוטען פון ספיקות, צי איז עלינאָר די ריכטיגע פאַר אים...

צי וועט ער זיך קענען איינלעבן מיט אַזאַ סאָרט מיידעל ווי זי איז?

וואָס ווייטער לאַרי האָט זיך געפור-נען פון עלינאָר'ן, אַלץ קלאָרער האָט זיין קאָפּ געאַרבייט. און דער גראַנק זיינער האָט געקראָגען די אויבערהאַנט איבער זיינע געפילען. היינט, שאַר-פער ווי אַלע מאָל, האָט ער זיך גע-שטעלט די פראַגע, צי איז עלינאָר „זיין טיפּ"... צי זי איז זיין ריכטיגע באַשערטע. נאָר היינטיגען אָווענט ביי איר אין שטוב האָט ער איצט נאָך מיט מער קלאָרקייט געזען אירע חסרונות. זי איז היציג אין איר טעמ-פּעראַמענט, און זי ווערט גיך אין כעס. זי רעכענט ניט אויס מיט אַ וואָרט ווען זי ווערט אויפגערייצט.

(ווייטערס — מאָרגען)

---

















# אַ נייער סטאַיל יוניפאָרם פאַר די מאַטראָזען אין דער אַמעריקאַנער נעיווי

(שלום פון פּעדיזש 2)

זעהט אויס ווי אַן איבערגעקערטער שוועמעל.

דער לאַנגער ברייטער קאָלנער שטאַמט אויך פון פאַרצייטען. אַמאָל פלעגען די מאַטראָזען שמירען די קעפּ מיט דזשענאַכץ, פלעגט די פליסיגע דזשענאַכץ אַרונטערקאַפּען אויף זייערע קליידער, האָט מען איינגעפיהרט ברייטע קאָלנערס צו באַשיצען די קליידער פון די דזשענאַכץ. זינט דאַן טראָגען די מאַטראָזען אַלץ די ברייטע קאָל-נערס. ס'האָבען זיך, אמת, געפונען אַ סך „רעוואָלוציאָנערען" נאָכ'ן ערש-טען וועלט - קריג, וועלכע האָבען געפאָדערט אַז מען זאָל ענדערן די יוני-פאָרם פון די מאַטראָסען. אָבער די „ברעס העטס", ווי מען באַצייכענט די דעה-זאָגערס און העכסטע בעאַמטע פון דעם נעיווי דעפּאַרטמענט שמ'ען מיט זייער האַרטנעקיגקייט און שטייפקייט, און זיי האָבען אונטערדריקט די רעוואָ-לוציאָנערען און ניט דערלאָזט קיין שום באַדייטענדע ענדערונגען אין דעם אויסזעהן פון די מאַטראָסען.

דאָס איינציגע אויף וואָס זיי זיינען איינגעגאַנגען, איז אויף אַ שטיקעל הנחה פאַר די נעיווי אונטער־אָפיצירען. יענע קענען, אויב זיי ווילען, מאַכען אייגענע יוניפאָרם־רעקלעך מיט אָפּגע-לעגטע קאָלנערס און לאַצען, און הויזען מיט פּאַקעטס, ווי אויך וועסטלער. דאָס ווערט באַצייכענט אַלס „דרעס־יוניפאָרם".

בעת'ן קריג אָבער האָט מען ערלויבט אָפיצירען פון דער נעיווי, וואָס זיינען געווען אויף אַקטיווער דינסט, טראָגען זומערדיגע יוניפאָרמס פון קהעקי קאָ-ליר. האָבען די „ברעס העטס" איבער-געקערט דאַן וועלטען און געשטורעמט געגען דעם. אָבער די אָפיצירען, באַ-זונדערס פון די נידעריגערע ראַנ-גען, האָבען זיי געהערט ווי אין טראַק און זיי האָבען געטראַ-גען קהעקי, ווי אויך „סלעיט קאָ-לאָרד", ד. ה. יוניפאָרמס פון בלוילידֿ-גרויען קאָליר, און ביי די אַנגעשטייפּ-טע אַדמיראַלען האָט געפּלאַצט די גאַל. די מאַטראָסען אָבער האָבען פאָרטגע-זעצט צו טראָגען זייערע ענגע ווינ-טערדיגע בלויע יוניפאָרמס און ווייסע יוניפאָרמס אום זומער צייט אָדער אויף שיפען וואָס פאָהרען אין די וואַרימע קלימאַטען.

ווען מ'האָט דורכגעפיהרט די „יוני-פיקיישאַן", ד. ה. די פאַראייניגונג פון אַלע באַוואָפענטע כוחות, די אַרמיי, די נעיווי און דעם לופט־פלאָט אין איין דעפּאַרטמענט — דעפענס — האָבען די „רעוואָלוציאָנערען" פאָרגעשלאָגען, אַז די מאַטראָסען זאָלען טראָגען די זעלבע יוניפאָרמס ווי די סאָלדאַטען, אָבער מיט ספּעציעלע „אינסיגניאַס", ד. ה. צייכענס אויפ'ן קאָלנער אָדער אַרבעל, לויט וועלכע מען וועט זיי קענען דערקענען אַז זיי זיינען מאַט-ראָסען. האָבען די „ברעס העטס" גע-מאַכט אַ ויצעקו, אַז מען וויל שוין גאָר אינגאַנצען זאַרישען (דערווערגען) די נעיווי, צונעמען ביי איהר דעם לעצטען זכר וואָס איז איהר פאַרבלי-בען פון איהר אַמאָליגער גדולה, אומ-אָפּהענגיגקייט און גרויסקייט — איהר באַזונדערע אייגענע יוניפאָרם.

הקיצור, ס'איז זיי געלונגען דאַן אָפּ-צושרייען די גזירה און די נעיווי האַלט אַלץ אַן איהר באַזונדערע יוניפאָרם פאַר די „ענליסטעד מען" — די פּשוט'ע מאַטראָסען.

אָבער אַזוי ווי מען מוז פאָרט זיך רעכענען אַביסעל מיט'ן „פּראָגרעס פון דער צייט" און ערלויבען ענדערונגען, האָבען די אויבערשטע פון שטויסעל אין דער נעיווי באַשלאָסען צו מאַכען ענדערונגען און זיי זיינען איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס — וואָס שטימט מיט'ן ווערטעל: אי דער וואָלף איז זאַט און אי די שעפּס איז גאַנץ...

זיי זיינען איינגעגאַנגען אויף ענדע-רונגען, אָבער די יוניפאָרם בלייבט אין תוך די זעלבע ווי פריהער.

דאָס זעלבע העמדעל, נאָר אַנדערע אַרבעל; די זעלבע הויזען, נאָר אַנ-דערש פאַרשפּיליעט.



# זעלטענע שיינע חלומות וואָס ווערען מקוים, דערציילט פון איינעם דערפאַרונג

פון וועלוויל שטיין

מענשען זיינען געבענטשט פון דער נאַטור, זיי חלום'ען חלומות. אַ זעלטענע ברכה, ווייל די פּאַס-קודנע ווירקליכקייט איז אַמאָל אַזוי טרויעריג, אַז עס פאַרגייט דער חשק צו לעבען.

אָבער אין איין פּרט ווערען אייערע שענסטע חלומות פאַרווירק-ליכט, דאָס איז, ווען איר חלום'ט וועגען אַ וואַקאַציע, און איר פאָרט אַרויס קיין לעיקוואָוד, ניו דזשוירזי, צו דעם „ניו עמפּאַיער" האָטעל, וואָס געפינט זיך אויף דער זוניגער פאָרעסט עוועניו און 5טער סטריט, דאָרטען ווערען אייערע שענסטע חלומות פאַרווירקליכט. נעמט, למשל, דעם האָטעל „ניו עמפּאַיער", איז דאָס אַ שיינער בנין, וואָס זעהט אויס ווי אַ מיליאָנערסקע דאַטשע, אַרומגערינגעלט פון שיינע ביימער און בליהענדע בלומען. און פאַר-מאָגט שיינע צימערען, עלעגאַנט געפוירנישט מיט באַטהס און שאָו-ערס, שיינע לאָבים, אַ נייער שיי-נער טעאַטער זאַל מיט אַ שיינעם סטעידזש מיט סינערים און עלעקט-רישע עפעקטען, וואו עס טרעטען אויף די גרעסטע סטאָרס פון דער אידישער בינע. פאַר דעם היינטיגען פּסח וועלען ביי אונז אויפטרעטען אַזעלכע אַרטיסטען ווי מרים קרעס-סין, סימאָר רעכטצייט, דעיוו לי-ב[illegible], אסתר זאַלצמאַן, אוירווינג בורג, באַרני סלאַן, און דער „לאַיוו וואַיער" פון דער אידישער בינע, דער אימער פרעהליכער מעקסעלע ווילנער, און פילע, פילע אַנדערע סטאַרס. מיט איין וואָרט — יעדע נאַכט — שיינע אַרטיסטישע קאָנ-צערטען און אַ חזן אַזאַ, וואָס קען, און האָט אַ שיינע שטימע. מיט איין וואָרט, ביי אונז איז שטענדיג חי-געלעבט. ווייל ביי אונז צו פאַרברענ-גען אַ וואָך אָדער צוויי איז פאַר זיך אַליין אויך אַ פאַרגעניגען אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָר, ספּעציעל איז דאָס אמת אין די זוניגע, שיינע טעג פון פּסח.

אי, טוט זיך דאָרט אָפּ אין די פּסח'דיגע טעג... מען פרעגט קשיות און מען ענטפערט תרוצים מיט טייערע אַרבע כוסות, געשמאַקע קניידלעך און כרעמזלעך, וואָס זיי-נען טעם גן־עדן, ווייל אָט די וואונדערליכע מלכה'לע, די רומע-נישע, מיט אירע פּסח'דיגע פּאַ-טראַוועס, נעמט ממש איין וועלטען.

און איצט די הנ'עווודיגע, חסי-דישע מלוה מלכה'ס און קאָנצער-טען, דאָס איז דאָך אַ קאַפּיטעל פאַר זיך. הכלל, וואָס איז דאַ צו קלערען, שרייבט אַוועק אַ בריוועל און בעט מען זאָל פאַר אייך רעזערווירען אַ צימער, דאַטס־אָל, איר וועט אונז דאַנקען. שרייבט צו: „ניו עמפּאַיער" האָטעל, פאָרעסט עוועניו און 5טע סטריט, לעיקוואָוד, ניו דזשוירזי. טעלעפאָן איז: לעיקוואָוד 6-0189.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

נאר ווי מאָדנע דאס זאל ניט זיין, האָבען אפילו די חסרונות אירע אים גערייצט און צוגעצויגען. ער האָט קיינמאל ניט געוואוסט ווי זי וועט האַנדלען אין אַ באַשטימטען פאל. זי איז אַזאַ אינטערעסאַנטע פערזאָן. פאַרמאָגט קאָליר, רייץ. פאַר זיינע אויגען האָט זיך אים נאָך פאַרגע־שטעלט די עלינאָר פון היינטיגען אָוונט... ווי זי האָט זיך אויף אים געוואָרפען און געווען אויפגערייצט... אפילו אין איר כעס איז זי געווען מאָדנע שיין. אירע אויגען האָבען אָפּ־געשפּיגעלט איר צערידערטען געמיט. ער האָט געזען ליידען אין איר בליק. און דאָס האָט אים אַזוי גערירט.

לאַרי האָט אַנטקעגען אירע חסרונות אַוועקגעשטעלט אירע גוטע שטריכען. עלינאָר איז ערליך פון נאַטור... קיינ־מאָל וועט זי אים ניט אָפּנאַרען, אָדער טאָן עפּעס אַ זאַך אָהן זיין וויסען. זי קען ניט פאַרשטעלען... און ער וועט אַלע מאָל וויסען וואָס עס איז ביי איר אין די געדאַנקען. מיט אַזאַ סאָרט מענשען איז גרינג צו איינלעבען זיך.

ער האָט געזאָגט צו זיך: עס איז אמת, אַז עלינאָר איז פול מיט קאַפּרי־זען און אַלערליי שטימונגען... נאָר דאָס וועט איבערגיין, שפּעטער, ווען זיי וועלען חתונה האָבען. ער, לאַרי, וועט זעהן אויף איר ווירקען. מיט ליבע קען מען אַ סך זאַכען דערגרייכען...

ער איז געזעסען איינגענורעט אין זיין מאַנטעל און אינאיינעם מיט דער יאָגענדיגער סאָבוועי זיינען געלאָפען זיינע געדאַנקען. און ער האָט גע־טראַכט פון דער צייט ווען ער וועט ענדיגען „אינטוירנשיפּ" אין שפּיטאָל, וואו ער אַרבייט. נאָך איין קנאַפּער יאָר וועט דורכלויפען און ער וועט שוין קענען עפענען אַ דאָקטאָר'ס אָפיס. קיין געלט וועט אים ניט אויספעלען... ער האָט אַ גרויסע, איבערגעגעבענע משפחה, און זיי האָבען אַלע צוגעזאָגט, אַז זיי וועלען צולייגען אַ האַנט.

אויב ער און עלינאָר וועלען חתונה האָבען איידער ער וועט עפענען דעם אָפיס, וועלען זיי דערווייל וואוינען ביי אים אין דער היים. מען וועט זיי דאָרט אָפּגעבען אַ באַזונדערען צימער. אַזוי האָט מען אין דער היים ביי אים שוין לאַנג געפּלאַנט, ווען עס האָט זיך גערעדט פון קריגען פאַר לאַרי'ן אַ באַשערטע מיידעל. די מאַמע זיינע איז אים איבערגעגעבען און אי־בערגעגעבען, און ניטאָ גאָר אַזאַ זאַך וואָס זי זאָל ניט קענען טאָן פאַר איר זון. און זי וועט שוין מאַכען אַז עלי־נאָר'ן זאָל זיין גוט ביי אים אין דער היים.

לאַרי האָט איצט געטראַכט וועגען צוגרייטען זיין מאַמע'ן פאַר עלינאָר'ן. די מאַמע זיינע האָט געהאַט די דעה אין שטוב און ניט דער טאַטע. און מיט איר האָט מען זיך געדאַרפט רע־כענען. לאַרי האָט געוואוסט זיין מאַ־מע'ס חלום. זי האָט גאָר אין זינען געהאַט דער מיידעל ליליען פאַר זיין ריכטיגע באַשערטע. ליליען איז געווען אַ ווייטע קרובה זייערע און אירע טאַ־טע־מאַמע זיינען געווען רייך. ער וואָלט פון זיי קריגען די נויטיגע סו־מע פאַר עפענען אַן אָפיס שפּעטער.

נאָר לאַרי האָט ליליען ניט ליב גע־האַט, כאָטש זי איז געווען אַ שיין מיידעל. „אַ נאַרעלע און אַ פּוסטע קאָפּ", האָט ער וועגען איר געהאַט אַ מיינונג. דער פאַרגלייך צווישען ליליען און עלינאָר'ן איז ביי אים אין די אויגען געווען ווי דער פאַרגלייך צווישען אַ ליאַלקע און אַ לעבעדיגען מענשען.

וואָס פאַר אַ ווערדע האָט ביי אים געלט, רייכקייט. מיט דער צייט וועט ער אַליין האָבען אַ פאַרמעגען. שפּע־טער, ווען ער וועט ווערען אַ „ספּעשע־ליסט" פון זיין פּראָפעסיע, פון האַריץ־קראַנקהייטען, וועט ער פאַרדינען גע־נוג געלט.

לאַרי האָט איצט ווייטער זיך פאַר־געשטעלט ווי ער וועט דערנענטערען עלינאָר'ן מיט זיין פאַמיליע. זיי זיי־נען פּשוט'ע, גוטע מענשען, און זיי וועלען ווירקען אויף איר באַרואיגענ־דיג. זי וועט זיך מיט זיי איינלעבען און זי וועט אַלעמען געפעלען. עלי־נאָר איז אַזוי אַנדערש ווי די אַלע מיידלעך, „די ליידיגע, געפאַרבטע פּנים'ער", זי וועט אַלע מאָל זיין אָנ־געטאָן מיט געשמאַק און עלעגאַנט. און ער וועט זיין שטאָלץ צו ווייזען זיך מיט איר פאַר מענשען.

און שפּעטער, אַז זיי וועלען צוזאַ־מען אויפבויען אַ גוט־איינגעאָרדענט־טע היים, וועט זי ווערען רואיגער, געזעצטער און איינגעהאַלטענער. זי וועט זיין פאַרנומען מיט דער הויז, מיט האָדעווען זייערע קינדער. אירע קאַפּריזען וועלען אַוועק פון זיך אַליין, אויף אַ נאַטירליכען אופן. ער האָט אין זיין געדאַנק שוין געזען איצט פאַר זיך גאָר אַן אַנדערע עלינאָר.

לאַרי האָט זיך איצט דערמאָנט ווי היינט ביינאַכט ביים זעגענען זיך מיט איר, האָט זי נאָך ניט געוואָלט ער זאָל אַוועקגיין, כאָטש עס איז שוין געווען אַזאַ שפּעטע שעה. איר פּעלט מאַס און אויסגערעכענטקייט. ער האָט איר דערפאַר ניט געטאַדעלט. נאָר פאַרקערט... זי איז ניט שולדיג... זי האָט זיך געהאָדעוועט אין אַזאַ ניט גינסטיגער אַטמאָספערע... מיט אַ צע־ריסענער היים... און עס איז דער וואונדער וואָס זי איז אויסגעוואַקסען אַזוי פיין, אינטעליגענט, מיט אַן ער־ליכער נאַטור.

מיט זיין ליבע וועט ער אויף איר ווירקען, און עס וועלען אויסוואַרצ־לען זיך אירע חסרונות. אַזוי האָט לאַרי אַלץ איבערגעטראַכט און אויס־געפּלאַנט זיין צוקונפטיגען לעבען מיט עלינאָר'ן, אין יענער שפּעטער שעה, פאַרענדיג מיט דער סאָבוועי צו זיך אַהיים.

### זיבעצענטער קאַפּיטעל

„ער האָט מיך ליב, לאַרי" — האָט עלינאָר עטליכע מאָל איבערגערעדט צו זיך אַליין, אויף מאָרגען נאָך דעם איבעררייד וואָס זי האָט געהאַט מיט אים. ער איז געווען אייפערזיכטיג נעכטען. און אויף וועמען? אויף אייבי'ן. עס האָט זיך איר געגלוסט צו לאַכען. וואָס וואָלט שוין געווען ווען ער דערוויסט זיך וועגען איר ערשטען „באָי־פרענד", מילטאָנ'ען. דעם פאַרשייטען יונג, וואָס ער האָט זיך איר שוין אַפילו ערקלערט אין ליבע. אַ לאַנגע צייט איז זי מיט מילטאָנ'ען אַרומגעגאַנגען. זיי זיינען שוין באַלד געווען ווי אמת'ע פאַר־ליבטע. און ניט איינמאָל האָבען זיי זיך געקושט.

און מילטאָנ'ען איז זי, עלינאָר, גיך ענטוישט געוואָרען דעמאָלט. און אייבּ נאַרדאָן... און אים איז זי קיינמאָל ניט געווען פאַרליבט. ער איז נאָר פון אַלע מאָל אירער אַ גוטער פריינד. דאָס אַלץ. איר געוויסען איז געווען ריין. טיף אין האַרצען האָט איר אפשר הנאה געטאָן צו זען ווי לאַרי איז אייפערזיכטיג. אַז מען האָט שטאַרק ליב איז די אייפערזוכט אויך דעמאָלט שטאַרק. אַזוי האָט זי גע־וואוסט, עלינאָר.

דאָך, אַז זי האָט זיך נאָר דערמאָנט די סצענע פון נעכטען ביינאַכט צווי־שען איר און לאַרי'ן, האָט זי ניט ווילענדיג אויפגעשוידערט. אַזוי כּסתמא זעהט עס אויס דאָס פאַרהיי־ראַטע לעבען. אַזוי וועט זיין אויך מיט איר, שפּעטער, אַז זיי וועלען חתונה האָבען.

דאָס איז געווען אויף מאָרגען אין אָוונט, נאָך דעם איבעררייד מיט לאַרי'ן. עלינאָר האָט זיך געקליבען גיין היינט פרי שלאָפען, כאָטש אַרום צען דעם זייגער. זי מוז זיך גוט אויפּרוהען. לאַרי איז גערעכט... זי האָט שוין געהאַט צוגעגרייט איר גע־לעגער און געגומען זיך אויסטאָן, איז אַריינגעקומען צו איר צימער בע־לאַ, די מאַמע עלינאָר'ס. זי האָט איר געבראַכט אַ גלאָז מילך צו טרינ־קען פאַר'ן שלאָף, האָט עס אַוועקגע־שטעלט אויפ'ן נאַכט טישעל, און אַליין האָט זי זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול לעבען עלינאָר'ן:

— טרינק אַ גלאָז מילך, עס איז גוט פאַר'ן שלאָף — האָט זי געזאָגט צו איר טאָכטער.

(ווייטערס — מאָרגען)

## דרעס דזשאָינט באָאַרד באַגריסט מיינערס יוניאָן מיט זיגרייכן אויסגאַנג פון סטרייק

די דזשאָינט באָאַרד פון דער דרעס־מאַכער יוניאָן האָט געשיקט פאָלגענ־דע טעלעגראַפישע באַגריסונג צו דער יונאַיטעד מאַין וואָירקערס יוניאָן צו דער געלעגענהייט פון איהר זיג אין דעם שווערען קאַמף מיט די באַלעבאַ־טים און די וויכטיגע דערגרייכונגען פאַר די מאַינערס:

דזשאָהן ל. לואיס, פּרעזידענט
יונאַיטעד מאַין וואָירקערס יוניאָן,
וואַשינגטאָן, ד. ק.

„מיר באַגריסען אייך מיט אייער זיג. דער אויסגאַנג פון דעם לאַנג־פאַרצויגענעם און אָנגעשטרענגטעז קאַמף, וואָס די קוילען־גרעבער, אונ־טער אייער פירערשאַפט, האָבען אָנ־געפירט פאַר זייער עקזיסטענץ און פאַר'ן לעבען פון זייען יוניאָן, איז ענדליך געקרוינט געוואָרען מיט ער־פאָלג. אייער אָרגאַניזאַציע האָט באַ־וויזען אַ וואונדערבאַרען ביישפּיל פון זעלבסט דיסציפּלין און אַנטשלאָסענ־הייט. אין נאָמען פון די הונדערט טויזענט מיטגלידער פון אונזער יוניאָן באַגריסען מיר אייך און ווינשען אייך און אייער אָרגאַניזאַציע גרויס ער־פאָלג.

דזשאָינט באָאַרד דרעס און וויסט־מאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק
סעם וויניק, פּרעזידענט.
דזשוליוס האָכמאַן, גענ. מענ.
נ. מ. מינקאָף, סעק.־טרעזש.

## אַרבייטער רינג ברענטש פון ניי־אַריבער־געקומענע ווערט אינסטאַלירט היינט, שבת

אונטער דער אויפזיכט פון דעם ניו יאָרקער שטאַטישען קאָמיטעט פון אַרבייטער רינג און מיט דער קאָ־אָפּעראַציע פון מאַקס ב. קאָהען, ביז־נעס־אַגענט פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ ברענטש פון ניי־אַריבערגעקומענע, וועלכע אַרבייטען אין שעפּער פון דער אינטערנעשאָנאַל און זיינען מיטגלי־דער פון פאַרשיידענע אינטערנעשאַ־נאַל לאָקאַלער. דער ניי־געגרינדעטער ברענטש איז ברענטש 217.

דער ברענטש וועט אינסטאַלירט ווערען היינט, שבת, איינס בייטאָג, אין דער „פאָרווערטס" געביידע, 175 איסט בראָדוועי, ניו יאָרק.

עס וועט דורכגעפירט ווערען אַ קאָנצערט מיט דער באַטייליגונג פון דעם זינגער משה שווימער. אין דעם נאָמען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציאָנס קאָמיטעט וועט דער ברענטש אינסטאַלירט ווערען דורך הערים רובינסקי, מיטגליד פון דער קאָמיטעט, און פון דעם ניו יאָרקער שטאַט קאָמיטעט, דורך איר. פאַר־טרעטער י. עבעריל.

עס זיינען צו דער אינסטאַלירונג איינגעלאַדען געוואָרען צו באַגריסען די נייע מיטגלידער ב. קאַפּלאַן, מע־נעדזשער פון לאָקאַל 117, ל. היימאַן, מענעדזשער פון לאָקאַל 9, י. ברעס־לאָו, מענעדזשער פון לאָקאַל 35 און מאַקס ב. קאָהען, ביזנעס אַגענט פון קלאָוקמאַכער יוניאָן, וועלכע ווערען ערוואַרטעט צו באַגריסען די מיטגלי־דער פון דעם נייעם אַרבייטער רינג ברענטש 217.

אין דער אינסטאַלירונג וועט זיך אויך באַטייליגען ב. געבינער, דער געהילפס גענעראַל סעקרעטאַר פון אַרבייטער רינג.

אַלע מיטגלידער פון דעם ניי־געגרינ־דעטען ברענטש 217 אַ. ר., זייערע פרויען און פריינט, ווי אויך מיטגלי־דער פון זייערע משפחות זיינען געבע־טען צו קומען צו דער אינסטאַלירונג אין צייט.

## מאָרגען אָוונט דריטער מוזיקאַלישער און ליטעראַרישער אָוונט פון דער פּעטערסאָנער קולטור־אָרגאַניזאַציע, די „ציקאָ"

זונטאָג, דעם 19טען מערץ, 7 אָוו., וועט די פּעטערסאָנער קולטור אָרגאַני־זאַציע, די „ציקאָ", דורכפירען איר דריטען מוזיקאַלישען און ליטעראַרי־שען אָוונט פון דעם היי־יאָריגען ווינ־טער־סעזאָן.

די איצטיגע אונטערנעמונג פון דער „ציקאָ" וועט אָבער זיין אַנדערש ווי די פריערדיגע דורכפירונגען מיט דעם, וואָס דער גאַנצער קינסטלערישער פּראָגראַם, וואָס וועט באַשטיין פון „ווי טייל, וועט דורכגעפירט ווערען אויסשליסליך פון קינדער, וואָס לער־נען אין די פּעטערסאָנער קינדער־שו־לען אָדער פון אַזעלכע, וואָס האָבען שוין גראַדואירט פון די לערען־אינסטי־טוציעס. פאַר דעם צוועק זיינען איינ־געלאַדען געוואָרען שילער און שילע־רינס פון אַלע לערען־אַנשטאַלטען. אין דעם פּראָגראַם וועלען זיך אויך באַטיי־ליגען אַ צאָל פליכטלינג־קינדער, וואָס זיינען ערשט געקומען קיין פּעטערסאָן. די באַגריסער, ווי אויך די פּאַרזיצערין און דער טאָוסטמייסטער וועלען אַלע זיין קינדער. דער גאַסט־רעדנער איז אַן אַמעריקאַנער־געבוירענער יונגער־מאַן, וואָס וועט רעדען אין אידיש אויף דער טעמע פון קינדער־ערציאונג אין אַמעריקע.

די אונטערנעמונג קומט פאָר, ווי שטענדיג, אין ציון צענטער, 612—14טע עוועניו און איסט 26טע גאַס. עס וועט אויך סערווירט ווערען אַ פיי־נער צוביים.

די ליטעראַרישע און מוזיקאַלישע אָוונטען פון דער „ציקאָ" זיינען באַ־שטימט אויף צו געבען עטליכע אינטע־רעסאַנטע פאַרווייל־ונגס־שטונדען פון אַ הויכען קינסטלערישען ווערט די מיטגלידער פון דער „ציקאָ" און פאַר ספּעציעל־געלאַדענע געסט, וואָס זיינען פריינט פון דעם אידישען וואָרט.

פאַר מער איינצעלהייטען זיך צו ווענדען צום פאַרוואַלטער פון די אָוונטען, פּרץ זעליג גאָלדפאַרב, 136 גאָווערנאָר סטריט.

### לעדיס לינען סאָסייעטי פון באַרנעט מעמאָריעל האָספּיטאַל פון פּעטערסאָן

האָט די טעג צוגעשיקט אין נואַרק „פאָרווערטס" אָפיס 25 דאָלאַר פאַר'ן מעות חיטים פאָנד, וועלכע זיינען גע־זאַמעלט געוואָרען אויף אַן אַפּיל פון זייער סעקרעטערין רעי אַדלער ביי אַ צוזאַמענקונפט פון זייער עקזעקוטיווע.

פאָלגענדע האָבען בייגעשטייערט: גאָלדמאַן פּעירלאָן, $2; שעלאָוו, מיל־שטיין, סילווערבערג, עפּשטיין, דעמ־באָווסקי, סוסמאַן, אַדלער, סילבערמאַן, קעץ, בלאַק, נאַטקין, פּעלער, גאָלד־בערג, הענדעלמאַן, פיקאַן, רובין, לאַנ־דע, אינפעלד (פון 23טע סטריט), שפּרעכמאַן, באַרן, אָרענשטיין (פּאַ־סעיק), האָכמאַן און מאַרקאָוויץ — אַלע צו 1 דאָלאַר.

### פּעטערסאָן פרויען בר. 804 אַ. ר.

האָט די טעג צוגעשיקט צום נואַרק „פאָרווערטס"־אָפיס פאַר דעם מעות חיטים פאָנד. דער פרויען ברענטש רופט זיך שטענדיג אָפּ אויף יעדען הילפס־רוף.



## היינט אָוונט די גרויסע פאַרזאַמלונג וועגען די קינדער אַדאָפּטירונג פון איד. אַרב. קאָמיטעט

נואַרק. — די אַרבייטער רינג סיטי קאָמיטעט און דער אַרבייטער רינג ביל־דונגס - קאָמיטעט האָבען אַראַנזשירט פאַר היינט, שבת אָוונט, דעם 18טען מאַרטש, אַ גרויסע פאַרזאַמלונג און קאָנצערט אין אַרב. רינג צענטער, 179 קלינטאָן עוועניו, צו וועלכען עס ווערן געלאַדען ניט נאָר אַלע אַרבייטער רינג ברענטשעס און זייערע מיטגלידער, נאָר אויך אַלע אַנדערע נואַרקער אָרגאַ־ניזאַציעס, סאָסייעטיס און זייערע מיטגלידער. ביי דיזען צוזאַמענקונפט וועט דער אידישער אַרבייטער קאָמי־טעט אָפּגעבען אַ באַריכט וועגען דער אַקציע לטובת די אַדאָפּטירטע יתומים־



שמואל'יק גאָלדשטיין

קינדער און אויך אַ גרוס פון די פילע אַדאָפּטירטע קינדער דורך דעם אַטעם־פאַרכאַפּענדען בילד „דער אַלבום די קינדער", מיט דער נאַראַטאָרין איידע אַלטער.

די פאַרזאַמלונג וועט אַדרעסירט ווערען פון דעם באַוואוסטען טוער פון דעם אידישען אַרבייטער קאָמיטעט ז. ליכטענשטיין. עס וועט אויך אויפטרע־טען אין איינינע נומערען דער אידי־שער שויישפּילער־הומאָריסט שמואליק גאָלדשטיין, וועלכער איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון פּאַריז און וועלכער איז געווען אַ באַריהמטער אַקטיאָר אין דעם אידישען קונסט טעאַטער „אַראַ־ראַט" אין לאָדז, און וועלכער האָט אויך שטאַרק אויסגענומען אין ניו יאָרק. און אַלעם צוזאַמען וועט עס זיין אַן אומפאַרגעסליכער אָוונט, וועלכען קיינער טאָר ניט פאַרפעלען.

די יתומים־קינדער רופען צו אונז, אַז מיר זאָלען זיין זייערע טאַטעס און מאַמעס, און מיר מוזען זייער רוף ענטפערען.

מיר גיבען דאָ איבער איינעם פון הונדערטער בריף, וואָס קומען אָן פון די אַדאָפּטירטע קינדער פון די פאַר־שיידענע קינדער־היימען:

„טייערער פריינד: —
איך דאַנק אייך פאַר דעם פּעקעל מיט שפּייז, וועלכען איהר האָט מיר געשיקט. איך לערן זיך אין ערשטען קלאַס און לערן זיך גוט. די פרייע צייט שפּאַציר איך אין וואַלד מיט אַלע קינדער. עס איז פריילעך, עס בליען די ביימער. בכלל איז זייער שעהן. שרייבט מיר וואָס עס טוען די קינדער אין אַמעריקע, ווי פאַר־ברענגען זיי די פרייע צייט.

איך גריס אייך האַרציג,
פון מיר,
מאַרישאַ ווילאַמאַיסקאַ".

דאָס זיינען בריף און גרוסען פון קינדער, וועלכע האָבען אין אונז געפו־נען זייערע פאַרלוירענע עלטערן און עס זיינען פאַראַן נאָך מעהר קינדער, וועלכע זיינען נאָך אָהן עלטערען און וואַרטען אויף דעם אָפּרוף פון די היגע אָרגאַניזאַציעס און איינצעלנע פריינד. איינטריט צום צוזאַמענקונפט איז אינ־גאַנצען פריי. קיינע געלט־קאָלעקשאָנס און קיינע געלט־זאַמלונגען. קומט און ברענגט אייערע פריינד, און לאָמיר אַלע צוזאַמען איבערשיקען אונזער גרוס צו די יתומים־קינדער.

### אַ מזל טוב צו די פאַרמאַנס

פריינד און פריינדין מאָריס פאַר־מאַן, אַקטיווע טוער פון ביאַליסטאָקער ברענטש 256 אַרב. רינג און וויים־טשערמאַן פון דער סיטי סענטראַל קאָמיטע פון אַרב. רינג, וועלען היינט פיהרען צו דער חופה זייער גראַטענע טאָכטער רבקה מיט האַרוואָרד גרינ־וואַיד פון פּעטערסאָן. די חתונה וועט זיין היינט, שבת אָוונט, אין קלינטאָן מענאָר.

צוזאַמען מיט אַלע פריינד ווינשען מיר זיי אַ האַרציגען מזל־טוב און צו האָבען נחת פון זייערע קינדער.

### לעדיס אַקזילערי קאָנג. בריסק בית יוסף לב טוב

האָט געהאַט אַ מיטינג און אַ פּורים פּאַרטי אין שוהל, 294 האָטהאָרן עוועניו, אונטער'ן פאָרזיץ פון פּרעזידענטין פעני מעס און וויים־פּרעזידענטינס סיליע קאָהען, סיליע ריטשאַרד, ראָוז סטיין און רעי סטיינבערג, ביי וועלכען פילע פראַגען זיינען פאַרהאַנדעלט געוואָרען. די מיטגלידער האָבען אויך געוואונשען אַ שנעלע ערהאָלונג צו דער קראַנקער טשער־לעדי, איידאַ ראָזענשטיין, וועלכע געפינט זיך אין האָספּיטאַל. די פּרעזידענטין האָט באַדאַנקט דער טשערלעדי בווירגער און דער גאַנצער קאָמיטע פאַר צוגרייטען דעם געשמאַקען פּורים סאַפּער, ביי וועלכען אַלע מיטגלידער האָבען פיין פאַרבראַכט. דער מיטינג קומט פאָר היינט, שבת, און אַלע מיטגלידער זיינען געבעטען צו קומען.

### ראַבישאָווער־כעלמער קראַנקען אונט. פאַראיין

דינסטאָג אָוונט, דעם 7טען מאַרטש, האָבען די ראַבישאָווער־כעלמער ק. אַ. פ. דורכגעפירט אַ פּורים פייערונג אין זייער מיטינג לאָקאַל, 514 קלינטאָן עוועניו. דער פאָרזיצער פון דעם אָוונט איז געווען הערי דאָרפמאַן, טשערמאַן פון וואויל און בעסטען.

אַ קורצען רעפעראַט וועגען דער באַדייטונג פון פּורים איז געהאַלטען געוואָרען פון ראַבאַי שמואל ליבמאַן, טשאַפּלען פון דער אָרגאַני־זאַציע, וועלכער האָט אויך פאָרגעלעזען און געזונגען. דער באַוואוסטער פאָרלעזער פּאָול גאָלדענבערג האָט אַמוזירט דעם עולם, מיט שיינע הומאָריסטישע פאָרלעזונגען און דער טשערמאַן, הערי דאָרפמאַן, האָט געזונגען פאָלקס לידער. רעפרעשמענטס זיינען סערווירט געוואָרען פון מר. און מרס. אייב גרין, לכבוד זייער זונ'ס בר מצוה, פון מר. און מרס. היימאַן גרין, לכבוד זייער 38 יאָריגען יובילעי און פון מר. און מרס. געלער, לכבוד איר זונ'ס בר־מצוה. די מעמבערס האָבען פאַר־בראַכט אַ גייסטרייכען אָוונט און האָבען האַר־ציג באַדאַנקט דער קולטור קאָמיטע פאַר דער אַראַנזשירונג פון אַזאַ שיינעם אָוונט.

### מושב זקנים בני ובנות ישראל

מיטוואָך בייטאָג, דעם 8טען מאַרטש, איז אין גרויסען אַדיטאָריום פון נואַרק מושב זקנים, פאַרגעקומען אַ פּורים פייערונג פאַר די זקנים וזקנות, אַראַנזשירט פון די דירעקטאָרען פון דעם אַנשטאַלט.

מרס. פלאָרענס בערנשטיין, די באַליבטע פּרעזידענטין, האָט ערעפענט די פייערונג מיט אַ באַגריסונג אין אידיש און האָט פאָרגעשטעלט דעם גאַסט־רעדנער ראַבאַי שמואל ליבמאַן, וועלכער האָט געהאַלטען אַ קורצען רעפעראַט וועגען דער באַדייטונג פון פּורים און האָט אויך אַמוזירט די זקנים וזקנות מיט הומאָריס־טישע פאָרלעזונגען און אידישע פאָלקס־לידער.

די האָנאָרערי פּרעזידענטין מרס. ראָוז טע־פּער און די טשערלעדיס פון דער פייערונג, מרס. דזשענעט, האָבען באַגריסט. אַ רעקאָר־דירטע געזאַנגס פּראָגראַם איז דורכגעפירט גע־וואָרען אַ דאַנק דער איניציאַטיווע פון מר. דזשוליוס הער. די אַלטיטשקע האָבען געקראָ־גען פיינע שלח מנות און רעפרעשמענטס און האָבען זיך זעהר פיין אַמוזירט.

### סעמיאַטיטשער פרענדלי לעדיס טשאַריטי ליג

האָבען אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג אונטער'ן פאָרזיץ פון פּרעזידענטין מיני דאַיטש און וויים־פּרעזידענטין רעי ליפשיץ. עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרען אַ געלונגענער סורפּראַיז טעסטימאָניעל דינער פאַר עקס־פּרעזידענטין פעני מענטעל, מיט מעי לעווין אַלס טאָוסט־מייסטער, עס זיינען אויך פאַרהאַנדעלט גע־וואָרען איינינע וויכטיגע פראַגען און סאַיז געמאַכט געוואָרען אַ ביישטייערונג פאַר מעות חיטים.

די סעקרעטאַרין העלען קעץ וועט האָבען אַ פלעדזש צוזאַמענקונפט אין איר הויז. מרס. מאַלי ראָזענבערג האָט בייגעשטייערט קעש פאַר אַ פלעדזש. דער נעקסטער מיטינג וועט זיין דעם קומענדען מיטוואָך אין קאָנטינענטעל און אַלע מיטגלידער זיינען געבעטען ניט פאַר־פעלען צו קומען.

### ביאַליסטאָקער לעדיס

האָבען אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג און אַ פּורים פּאַרטי אין טונים מענשאָן, אונטער דעם פאָר־זיץ פון פּרעזידענטין סאָפי כּייעס און וויים־פּרעזידענטין קלאַראַ קאַנעווסקי, ביי וועלכען עס איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען איינינע וויכ־טיגע פראַגען און אַלע האָבען פאַרבראַכט אַ פיינעם אָוונט. עס איז אויך בייגעשטייערט געוואָרען 10 דאָלאַר צום נואַרק מושב זקנים. אַלע מיטגלידער זיינען געבעטען ניט פאַר־פעלען צו קומען צום קומענדען מיטינג ביי וועלכען עס וועט אויך זיין אַ קאַרד פּאַרטי.

## מאָרגען קאָנפערענץ פון פאַר־אייניגטען קולטור פאָנד אין באָסטאָן

יעדעס יאָר וועט דורכגעפירט ווע־רען אַן איינמאָליגער קאַמפּיין צווי־שען אַלע פריינט פון דער אידישער קולטור. די איינקונפטען פון דעם דאָ־זיגען קאַמפּיין וועלען גלייך צעטיילט ווערען צווישען אַ ריי אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. דאָס וועט אַריינ־ברענגען פיל אומנויטיגע הוצאות. די ביישטייערער וועלען האָבען די באַפרי־דיגונג, אַז אַ גרעסערער חלק פון די ביישטייערונגען גייט דירעקט אויף קולטור־אַרבייט. נישט ווייניגער וויכ־טיג איז אויך דער פאַקט, אַז מיר וועלען האָבען דורכ'ן יאָר מיט עטליכע קאַמפּיינס ווייניגער.

דער קולטור קאָנגרעס, די „ציקאָ", די „צוקונפט" און די ענציקלאָפּעדיע זיינען אונז אַלעמען נאָענט און טייער. זיי פילען אויס אונזער לעבען מיט גייסטיגען אינהאַלט. מיר האָבען זיי תמיד געשטיצט ווי ווייט מיר האָבען נאָר געקענט. איצט, נאָך דער פאַראיי־ניגונג, וועלען מיר זיי זיכער שטיצען אין נאָך אַ גרעסערער מאָס. באָסטאָן האָט אין לאַנד אַ נאָמען פון אַ אידי־שער קולטור־שטאָט; מיר וועלען אויך אויף ווייטער דעם דאָזיגען גוטען נאָ־מען אונזערען איינהאַלטען.

כדי צו באַשטימען ווי אַזוי דורכ־צופירען דעם קאַמפּיין פון פאַראיי־ניגטען קולטור־פאָנד ביי אונז אין שטאָט, ווערט גערופען אויף מאָרגען, זונטאָג, דעם 19טען מערץ, 1 בייטאָג, אַ קאָנפערענץ פון אַלע באָסטאָנער אידישע פאָלקס - אָרגאַניזאַציעס און פון אַלע פריינט פון דער אידישער קול־טור בכלל. די דאָזיגע קאָנפערענץ וועט פאָרקומען אין אַרבייטער רינג צענ־טער, 612 בלו היל עוועניו.

מיר בעטען אייער אָרגאַניזאַציע צו באַשטימען דעלעגאַטען צו דער דאָזי־גער קאָנפערענץ. מיר בעטען אויך גלייך אונז צו מעלדען די נעמען און די אַדרעסען פון אייערע דעלעגאַטען.

ביטע, פילט אויס דאָס בייגעלייגטע פּאָסט־קאַרטעל און שיקט עס גלייך צו צו דר. ל. קלאַרק, סעקרעטאַר פון דער באָסטאָנער אָפּטיילונג פון קולטור קאָנ־גרעס.

מיט פריינטשאַפט,
פאַר דער באָסטאָנער אָפּטיילונג פון קולטור־קאָנגרעס
אַהרן מאַלדאַוו, פאָרזיצער
דר. ל. קלאַרק, סעקרעטאַר

## לעדיס אַקזילערי פון מאַלדען גיט $50 פאַר דער יוטה עליה

מרס. חיה עפּשטיין לאָזט אונז ווי־סען, אַז די לעדיס אַקזילערי פון מאַל־דען האָבען בייגעשטייערט 50 דאָלאַר פאַר דער יוטה עליה דורך דעם לאָקאַל טשאַפּטער הדסה פון מאַלדען.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאָר האָט דערפילט, אַז די מאַמע איז געקומען אַהער צו איר אויף אַ שמועס, אפשר וועגען נעכטיגער ביינאַכטיגער סצענע מיט לאַרי׳ן. זי האָט געזען נאָך איר מאַמע׳ס אוועקזעצען זיך, אַז זי וויל רעדען. און עס איז איר געוואָרען זייער ניט באַקוועם. וואָס קען זי איר זאָגען, דער מאַמע׳ן אירער?

— איך שלאָף אַזוי אויך גוט, אַהן די מילך, מאַ — האָט עלינאָר אַ לאַך געטאָן — עס איז נאָר אַ שאָד וואָס די נאַכט איז אַזוי קורץ.

— אַז דו ליגסט זיך יעדעס מאָל אַזוי שפּעט שלאָפען... אין דער פרי, אַז דו דאַרפסט אויפשטיין גיין אין סקול, קען איך דיך ניט דערוועקען — האָט בעלאַ איר געזאָגט מיט אַ געטרייער שטימע — דו רוהסט זיך ניט אויס גענוג, טאָכטער.

עלינאָר האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צו דערווידערען, נאָר בעלאַ האָט איר ניט געלאָזען:

— איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט אַ נאַטור צו אָנצינדען זיך אַז מען זאָגט דיר עפּעס, נו, וועל איך דיר שוין גאָרניט זאָגען — האָט זי געפּרואווט אויפהויבען זיך פון אָרט.

— וועגען וואָס האָסטו געוואָלט מיט מיר רעדען, מאַ? קאָם אָן, זאָג.

בעלאַ האָט צוגעשוויגען און עלינאָר האָט פאַרשטאַנען און זי האָט אַליין אָנגעהויבען.

— מאַ, וועגען וואָס האָט איר גערעדט נעכטען ביינאַכט, דו און לאַרי, איידער איך בין געקומען? ער האָט ביי דיר עפּעס געפרעגט?

— גאָרניט. ער האָט נאָר געוואָלט וויסען וואו דו ביזט אוועק. און איך האָב אים געזאָגט דו ביזט אוועק צו אַ חבר׳טע פאַרברענגען דעם אָוונט.

— פאַרוואָס האָסטו אים ניט געזאָגט דעם אמת, אַז איך בין אוועק מיט איבי׳ן?

— דו מיינסט אַז אַלע מאָל קען מען גיין מיט דעם אמת? — האָט בעלאַ קלוג אַ שמייכעל געטאָן. — ער איז געווען אַזוי אַנטוישט... אַזוי שפּעט, און דו ביזט ניט געקומען.

ער האָט געמיינט, אַז דו ביזט אוועק ערגעץ צו אַ פּאַרטי.

מאַמע און טאָכטער האָבען אַ ווייַלע געשוויגען. בעלאַ האָט געהאַט אַן אָנונג אַז עפּעס איז פאָרגעקומען צווישען איר און לאַרי׳ן נעכטען ביינאַכט. זי האָט געהערט פון איר צימער עלינאָר׳ס געהעכערטע שטימע, און לאַרי׳ס האַסטיגען אַרומשפּאַנען הין און צוריק איבער׳ן צימער. זי האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז דער איבעררייד איז געווען צוליב דעם וואָס זי האָט אים געלאָזט וואַרטען, לאַרי׳ן, און געקומען אַזוי שפּעט. פון עלינאָר׳ן וועט זי זיך גאָרניט דערוויסען. נאָר דער מאַמע׳ס אויג איז שאַרף. זי האָט אויפגעכאַפּט ווי עלינאָר קוקט אַוועק אַז אַ זייט און מיידט אויס צו באַגעגענען זיך מיט איר מאַמע׳ס בליק... עפּעס איז דאָ ניט ווי עס דאַרף צו זיין.

עלינאָר האָט אויסגעלערנט איר מאַמען, אַז זי זאָל זיך ניט צופיל מישען אין איר לעבען, און בעלאַ האָט נאָך פון צייט צו צייט אַלץ געמאַכט אַ פּאַרזוך צו ווירקען אויף איר טאָכטער מיט אַ וואָרט אָדער אַן עצה, וואָס עלינאָר האָט יעדער מאָל פון דעם זיך אָפּגעזאָגט, צוליב מורא אַז די מאַמע זאָל ניט נעמען אַרויפצווינגען אויף איר זאַכען וואָס זי וויל ניט. נאָר איצט האָט בעלאַ באַטראַכט, אַז עס איז אַן ערנסטער ענין. און זי האָט ווידער געפּרואווט אַריינמישען זיך מיט אַ וואָרט.

— דו דאַרפסט ניט זיין אַזוי קאַפּריזנע מיט אים, עלינאָר — האָט זי אָנגעהויבען מיט אַ ווייכען טאָן — דו האָסט אָנגעטראָפען אַ טייערען באָי. דאַרפסטו וויסען ווי צו אָנהאַלטען אים. אַזעלכע באָיס זיינען אַ זעלטענהייט היינטיגע צייטען.

— איך ווייס, מאַ. ער איז זייער אַן איידעלער, אַ גוטער — האָט עלינאָר צוגעגעבען.

— און דו האָסט דאָך אים ליב, און ער דיך אויך, ניט אַזוי?

— דו פרעגסט נאָך פראַגעס? דו זעסט דאָך אַליין אַלץ.

— נו, איז דאָך גוט. איז ברענג אים ניט אַריין אין כעס מיט דיינע נאַרישקייטען.

— וואָסערע נאַרישקייטען, מאַ? — האָט עלינאָר איצט שאַרף אָנגעקוקט איר מאַמען.

— איך האָב געהערט פון מיין צימער. דו האָסט זיך געבייזערט אויף אים.

— דו האָסט געהערט? — איז עלינאָר געבליבען אָפענטיג זיצען אַנטקעגען איר מאַמען.

בעלאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, און עלינאָר האָט שוין געמוזט ווייטער רעדען.

— אַז ער וויל מיר שוין זאָגען צופיל דעות, מאַ. וואָס וועט שוין זיין נאָך אונזער חתונה? דעמאָלט וועט ער שוין אינגאַנצען וועלען הערשען איבער מיר. פאַרשטייסט, מאַ? — האָט עלינאָר אַזוי ווי פאַרענטפערט זיך איצט פאַר איר.

—אַביסעל פאַרשטיי איך — האָט בעלאַ קלוג צוגעשמייכעלט. איר טאָכטער איז נאָך אַזאַ קינד, קאַפּריזנע און איינגעשפּאַרט און זי לאָזט זיך ניט לערנען.

נאָר עלינאָר האָט היינטיגס מאָל געלאָזט צו זיך ריידען. און בעלאַ, שמייעסענדיג מיט איר טאָכטער, און וועלענדיג איר לערנען, האָט אַ טראַכט געטאָן דעמאָלט וועגען זיך אַליין. עס איז איר געקומען אויף׳ן זינען איר אייגענער לעבען מיט סעמ׳ען, איר מאַן. וויפיל טעות׳ען האָט זי אַליין געמאַכט אין איר צוזאַמענלעבען מיט איר מאַן? ווער קען וויסען? ווען זי פאַרמאָגט דעם איצטיגען שכל, וואָלט סעם אפשר גאָר אַן אַנדערער געווען... ווען זי וואָלט בעסער געוואוסט ווי מיט אים צו פירען. און עס וואָלט אפשר ניט געקומען צו אַזאַ רים צווישען זיי...

זי האָט זיך אַ ווייַלע פאַרטראַכט. און עלינאָר האָט איר אַ ווייַלע אָנגעקוקט:

— דאָנט וואָרי, מאַדהער (זאָרג זיך ניט, מאַמע) — האָט זי איר אָנגענומען פאַר אַ האַנט. מאַמע און טאָכטער האָבען זיך אַרומגענומען און זיך צוגעדריקט איינע צו דער אַנדערער פאַר אַ לאַנגער ווייַלע, אַהן ווערטער, נאָר מיט טיפען געפיל אין זייערע הערצער.

— פאַרגעס ניט דעם מילך, האָט בעלאַ עלינאָר׳ן אָנגעזאָגט, אַרויסגייענדיג פון צימער.

„זי איז אַ גוטע מאַמע", האָט עלינאָר אַ טראַכט געטאָן ביי זיך. ווי מאָדנע... זי האָט זיך דערמאָנט ווי איר גאַנצען יונגען לעבען האָט זי געקעמפט אַנטקעגען איר מאַמען פאַר איר זעלבסטשטענדיגקייט. זי האָט ניט געלאָזען זיך פון איר דאָמינירען. און דאָס האָט זיי אַביסעל דערווייטערט איינע פון דער אַנדערער, און ס׳איז ניט געווען צווישען זיי די אינטימקייט, וואָס איז געוויינליך פאַראַן צווישען מאַמע און טאָכטער.

„עס איז אַ שאָד, וואָס אַלץ האָט זיך אַזוי אויפגעלייגט", האָט עלינאָר איצט אַ טראַכט געטאָן מיט באַדויערען.

עס האָט זיך שוין דערנענטערט די צייט ווען עס האָט שוין געדאַרפט זיין די חתונה צווישען לאַרי׳ן און עלינאָר׳ן. לאַרי האָט איצט מיט מער זיכערקייט שוין פון דעם גערעדט. ער האָט געדאַרפט אין דער נאָענטסטער צייט רעדען וועגען דעם מיט זיין טאַטע־מאַמע, באַקענען זיי מיט עלינאָר׳ן. ווען נאָר ער וועט קענען אָפּרייסען אַ טאָג פון זיין אַרבייט אין שפּיטאָל, וועט ער פאָרען אין ברוקלין, וואו זייַנע עלטערן האָבען געוואוינט, און ער וועט מיט זיי פון דעם ריידען.

עלינאָר האָט איצט דורכגעלעבט צווייערליי געפילען. צו זיין פאַרבונדען מיט לאַרי׳ן שוין אויף אַלע מאָל, איינשטעלען אַ נייעם לעבען מיט אים — וואָס בעסערס האָט זי דען געקענט פאַרלאַנגען? לאַרי האָט געבראַכט מיט זיך רואיגקייט, געזיכערטקייט און גרינגען געמיט. ער איז געווען פון די מענשען וואָס איז גוט זיך אָנשפּאַרען אויף זיי. דער שאַרפער און קלוגער קוק פון זיינע אויגען האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף איהר און איר האָט זיך געדוכט, אַז אַלע שווערע פּראָבלעמען וועלען קענען פון אים געלייזט ווערען.

אין דער זעלביגער צייט איז אַ סך מאָל איר אַז אומרו באַפאַלען. חתונה האָבען האָט געמיינט זיך אָפּזאָגען פון איר פרייען לעבען. עס וועט נעמען אַ סוף צו אַלע אירע מיידעלשע חלומות. זי וועט פון איצט אָן נעמען אויף זיך שווערע פליכטען, פירען אַ הויז, זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע, קאָכען סאַפּערס און האָדעווען קינדער. עס וועט זיך פון איר פאָדערען אַ שטרענגע דיסציפּלין, איינגעשטעלטע כּללים...

איז דאָס שוין דער סוף פון אַלץ? וואָס פאַר אַ רייז אין לעבען וועט פאַר איר פאַרבלייבען שפּעטער, נאָך דער חתונה? זי וועט ענדיגען ווי אַלע. און פאַר דעם האָט זי שטאַרק מורא געהאַט. זי האָט ניט געוואָלט עס זאָל מיט איר געשען ווי עס געשעט מיט אַלעמען. טיף אין האַרצען האָט זי געדענקט פון זיך, אַז זי איז אַנדערש, העכער פון אַ סך אַנדערע...

איצט, די צייט פאַר דער חתונה, איז איר געווען גוט, עלינאָר׳ן. זי האָט נים איינמאָל צו זיך אַליין געטראַכט, אַז ווער ווייס... אפשר זיינען דאָס די בעסטע טעג פון איר לעבען און שפּעטער... זי האָט ניט געוואָלט טראַכטען פון שפּעטער.

(ווייטערס — מאָרגען)









# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

יעדע מינוט פון איר איצטיגען לע־בען איז איר געווען אינטערעסאנט. זי איז די טעג געווען פארנומען מיט דער סקול, צו לערנען די קינדער. זי האט געארבייט שווער, נאר זי האט זיך ניט געפילט מיד. דעם אווענט, וואס זי איז געווען אינגאנצען פריי, האט זי הנאה געהאט פון זיך אליין, מיט זיך. זי האט געבראכט אין אר־דענונג אין דעסק מיט די פאפירען ביי זיך אין צימער. אט האט זי א שמועס געטאן מיט איר מאמען, און אט איז זי אריין אין ליווינג־רום, דער־זען די פיאנא אין ווינקעל, א פאר־לאזענע, און האט א טראכט געטאן: שוין לאנג האט זי ניט געשפילט.

זי האט זיך אוועקגעזעצט ביי דער פיאנא און גענומען אויסשפילען עפעס א פאר'חלום'טע מעלאדיע. זי האט נאר שטיל צוגעזונגען, אויך אזוי פאר'חלום'ט, ווי די מעלאדיע. און עס איז איר דעמאלט געווען וואונדער־ליך גוט.

אין דעם אווענט, וואס לארי האט געדארפט קומען, האט זי זיך אנגע־טאן און איז אוועק צו דער סאבוועי־סטאנציע אים אפווארטען. דערנאך האבען זיי ביידע זיך געלאזען אויף א לאנגען שפאציר. עס איז געווען ווינטערדיג קאלט, און זיי זיינען ביי־דע געגאנגען איבער די שטילע, בראנקסער גאסען, דורכגענומען מיט דער פרייד פון זייער יוגענט און פון זייער ליבע. זיי זיינען דערנאך אריינגעפאלען צו עלינאר'ן אין שטוב דורכגעזאפט מיט פראסט און זייערע פנים'ער האבען געגליט.

— מא, דו האסט עפעס א גוטע זאך פאר אונז? — האט עלינאר א פרייליכע געגרופען צו איר מאמען. און בעלא, כאטש זי איז געווען גענוג פארנומען מיט אירע ביזנעס פון פארקויפען דרעסעס, האט נאך גע־האט צייט צו אויסבאקען א גוטען טארט. און זיי זיינען אלע דריי גע־זעסן אין דער גראמערע, ווארימער קיך, געטרונקען טיי און צוגעביסען.

שפעט איז עלינאר מיט לארי'ן אריין אין ליווינג־רום, געמאכט ליכ־טיג און דא זיינען זיי שוין פארבלי־בען אליין. עלינאר איז געווען פריי־ליך, שפילעוודיג, און איר געלעכטער האט אפגעקלונגען פריי, פון גאנצען הארצען. איר מאט־בלייכער פנים איז געווען פארצויגען מיט א ראז־קייט, און אירע אויגען האבען גע־שיינט. אזוי האט זי אלע מאל אויס־געקוקט ווען זי האט געפילט גוט.

לארי איז צו איר צוגעגאנגען און אנקוקענדיג איר גוט האט ער זיך מיט איר א רייץ געטאן.

— מארדעטשקע דיינע איז צו שארף, צו דין. דאס שטערט א ביי־סעל צו דיין שיינקייט.

— א, דו וועסט נאך געפינען א סך שלעכטע פונקטען אין מיר. בע־סער זוך ניט — האט עלינאר געלאכט.

אזוי ווי ער איז געווען שטארק אין כאראקטער, לארי, אזוי האט ער געקענט זיין צערטליך אין זיין ליבע. און עלינאר איז געווען אי ליידענ־שאפטליך, אי איינגעהאלטען, שע־מעוודיג. און ביידע זיינען זיי געווען אין דערוואַרטונג פאר דאס וואונדער־ליכע וואס דארף נאך קומען.

לארי האט ניט געהאט אין זיך קיין צווייפעלדיגע געפילען. ער איז געווען וואס מען רופט — א גאנצער מענש. און ער האט ניט געוואוסט פון קיין ספקות און אויך ניט פון גלאט אזוי פאנטאזיעס. ער איז געשטאנען פעסט מיט ביידע פיס אויף דער ערד. לארי איז געוואוינט געווען צו א שווע־רען, הארטען לעבען פון זיין פריער יוגענט, און ער האט איינגעפירט א סיסטעם, א דיסציפלין איבער זיך. ווען ער האט אנגעצייכענט פאר זיך א ציל אין זיין לעבען, איז ער צו דעם געגאנגען מיט זיכערע טריט.

איצט האט ער געפלאנט צו בויען זיין צוקונפט מיט עלינאר'ן, אז עס זאל זיין אויף א פעסטען פונדאמענט. ער האט ליב געהאט זאכען, וואס זיי־נען קלאר און באשטימט. און עס האט פאסירט, אז ווען ער איז גענע־סען מיט עלינאר'ן און פארבראכט, האט ער מיט א קלארען קאפ אויסגע־לייגט פאר איר זיינע פלענער. ער האט געוואלט שוין אנהויבען צוגריי־טען איר פאר זייער צוקונפטיגען לע־בען, ווי זיי וועלען זיך פירען און וואס ער טראכט אנהויבען צו טאן:

— מיר וועלען וואוינען ערגעץ אויף פארק עווענױ, אדער אויף סענטראל פארק וועסט, אדער אפשר גאר אויף ריווערסאיד דראיוו — האט לארי צו עלינאר'ן אזוי גערעדט.

— אה, אויף ריווערסאיד דראיוו! — איז עלינאר געווען אנטציקט — אזש דארט?

— יע, פארוואס ניט? איך וועל האבען מיין אפיס צוזאמען מיט אונ־זער וואוינונג. אלענפאלס די ערש־טע צייט. שפעטער וועט מען זעהן.

און לארי האט ווייטער געצויגען דעם שמועס, און צוגרייטען עלינאר'ן פאר זייער צוקונפטיגען לעבען; ווי זי, עלינאר, וועט זיין די באלעבאסטע און זי וועט פירען די הויז. זיי וועלען האבען קינדער. און זי, עלינאר, וועט זיכער וויסען ווי צו ערציהען זיי.

— קינדער? — האט עלינאר זיך אפגערופען אין פארלעגענהייט — נאך ניט אזוי גיך. אפשר שפעטער, אין א סך יאהרען ארום.

לארי האט ניט ווילענדיג זיך צע־לאכט. ס'האט אים אויסגעוויזען ווי עלינאר איז נאך אליין א קינד און ער האט איר גענומען בארואיגען, האלב אין שפאס:

— אלראיט, עלינאר, ניט אזוי גיך. און, אויסער דעם וועלען מיר דאך האלטען א מענשען אין הויז, און דו וועסט ניט דארפען צו שווער ארביי־טען.

עלינאר האט געשוויגען שטיל. זי האט זיך אויף א ווײלע פארקלערט.

— איך פארשטעה, אז דיר וועט זיין שווער צו שיידען זיך מיט דיין היים — האט לארי געפרואווט טרע־פען פון וואס זי טראכט איצט, נאר עלינאר האט אומעטיג א לאך געטאן:

— מיין היים? — און זי האט ווי־דער געשוויגען. און אז לארי האט ווייטער גענומען רעדען פון זייער צו־קונפטיגען צוזאמענלעבען איז עלינאר ווידער געווען פארקלערט ווי זי וואלט מיט אירע געדאנקען געווען איצט ווייט אוועק פון דאנען.

— דו הערסט ניט וואס איך רייד צו דיר, עלינאר — האט לארי זיך גע־וואונדערט און געטריי איר אריינגע־קוקט אין די אויגען — וואס איז מיט דיר?

— גארניט, לארי — האט עלינאר שוין צו אים געשמייכעלט — איך האב אלץ געהערט. איך קען דיר אי־בערזאגען יעדעס ווארט וואס דו האסט איצט ארויסגערעדט — האט זי שוין גערעדט אין א מונטערען, שטיפערי־שען טאן.

לארי'ן איז אלע מאל שווער געווען פאראויסצוזעהן ווי עלינאר וועט האנד־לען אין געוויסע פאלען. זי האט אמאל ארויסגעוויזען קאפריזען, עלי־נאר. אז ער האט געזאגט איין זאך, האט זי געזאגט אנדערש. און זי האט געקענט זיין איינגעשפארט, פאר־עקשנ'ט. אזוי איז געווען איר רויכערען פאפיראסען. לארי האט ווײ־ניג גערויכערט, אויסער אמאל נאך אן עסען, אדער ווען ער איז געווען פון עפעס צורודערט. עלינאר, ווי־דער, האט גערויכערט א סך. און לארי'ן האט זיך זייער געוואלט איר אפגעוואוינען פון דעם.

— גיב מיר א פאפיראס, לארי — האט עלינאר ביי אים געבעטען.

— מען דארף ניט, עלינאר — דו האסט שוין היינט גערויכערט גענוג.

— איך וועל רויכערען וויפיל איך וועל וועלען — איך בין שוין גענוג ערוואקסען.

— עס איז ניט גוט פאר דיר אזוי פיל צו רויכערען, עלינאר — האט ער איר געבעטען. נאר זי האט געלוזט אויספירען איר'ס. זי האט ניט גע־וואלט האבען דאס כסדר'דיגע אפהיטען איר. דאס האט איר דערמאנט אן איר פריינט איוב גארדאן. ער אויך האט אזוי זיך געפירט מיט איר, ווי זי וואלט זיך גענויטיגט אין פראַ־טעקציע.

(ווייטערס — מארגען)

# פון פאלק צום פאלק

## וואס איז טאקע דער אמת וועגען יום־טוב פורים?

חשוב'ער רעדאקטאר!

דעם 4טען מערץ האט אייער מיט־ארבייטער, א. מענעס, געהאט אן אר־טיקעל אין „פארווערטס", „דער נס פון פורים", אין וועלכען עס איז ניט באוויזען געווארען „דער נס".

א. מענעס האט זיך געגעבען די גרעסטע מיה צו באווייזען, אז פורים איז היסטאריש. ליידער האט ער ניט געבראכט קיין איינציגען איבערצייי־גענדיגען ארגומענט פאר דעם.

זיין שטארקסטער ארגומענט, אז פו־רים איז היסטאריש, איז, אז „די מגילת אסתר איז נאך געשריבען געווארען אין דער פערסישער צייט, באווייזט דער פאקט, וואס מיר באגעגענען דא א גרויסע צאל פערסישע ווערטער און אויסדרוקען. יעריבער זיינען די היינ־טיגע געלערנטע א סך ווייניגער קרי־טיש".

פערסישע ווערטער און אויסדרוקען זאגען גארניט. מחמת דער מחבר האט געקענט לעבען אין פערסיע, איז געקו־מען קיין יהודה און געשריבען א גע־מיש — העברעאיש, אראמעאיש, פער־סיש. און ער האט ניט געדארפט לעבען אין פערסיע פונקט אין דער צייט, נאר א סך שפעטער. דאס איז אבער ניט וויכטיג. וויכטיג איז, וואס פורים איז ניט געפייערט געווארען אין יהודה. דער יום־טוב ווערט ניט דערמאנט אין די ספרים דניאל, עזרא, נחמיה, דברי־הימים א און ב. אויך ווערען ניט דער־מאנט אין די דערמאנטע ספרים דאס ספר אסתר און ניט די העלדען פון דעם ספר. דאס וואלט דער היסטא־ריקער, א. מענעס, געדארפט האבען אין זינען, ווען ער האט זיך געזעצט שרייבען זיין ארטיקעל. און אין זינען וואלט ער געדארפט האבען, אז ישוע בן סירא, וועלכער דערמאנט זעהר א סך ביכער, פארשווייגט ספר אסתר. פארשוויגען ווערט אויך דאס בוך פון פילא יודעאוס. און דאס מיינט, אז פורים איז ניט געפייערט געווארען אין דער צייט פון בן סירא און אין דער צייט פון פילא יודעאוס. דאך מוז איך צוגעבען, אז יאזעפוס דערמאנט יא ספר אסתר; דערמאנט אבער ניט פו־רים. דער מחבר פון צווייטען בוך, „די מאקאבעער", דערמאנט פורים; דאס מיינט אבער ניט, אז פורים איז גע־פייערט געווארען אלס יום־טוב אין דעם ערשטען יארהונדערט פון אונזער צייט־רעכענונג. נאך מעהר: אין דעם נייעם טעסטאמענט ווערט דאס בוך אסתר ניט דערמאנט; עס ווערט אויך ניט דער־מאנט פון די ערשטע קריסטליכע קיר־כען־פאטערס.

עס איז זעהר כאראקטעריסטיש, אז אין קאפיטעל צוויי פון אסתר ווערט געזאגט, אז צווישען די פאר־טריבענע פון ירושלים דורך נבוכדנצר האבען זיך געפונען יכניה, מלך פון יהודה, און אויך מרדכי. און דאס איז זעהר וויכטיג.

מרדכי איז שוין אויף אזא אופן גע־ווען א דערוואקסענער מענש. איז אויך באקאנט, אז ווען דער מלך פון יהודה איז פארטריבען געווארען, איז עס גע־ווען אין דעם יאר 596 פאר אונזער צייט־רעכענונג. קומט איצט א זעהר וויכטיגע פראגע: אויב מרדכי איז פארטריבען געווארען אין יאר 596, איז ווער איז געווען דער קעניג אחשורוש? [illegible] וועלכער האט געמאכט אסתר'ן

זיין מלכה און מרדכי'ן פאר זיין פרעמיער־מיניסטער. ארטאקסערקסעס איז געקרוינט געווארען אין יאר 465 פאר אונזער ערא. מיט 12 יאר שפע־טער איז „געווארפען געווארען פור". לויט קאפיטעל 3, פסוק 7, וואס עס מיינט, אז מרדכי, אויב ער איז אלט געווען 10 יאר ווען ער איז פארטריבען געווארען פון ירושלים, איז אלט געווען 153 יאר. אנגענומען, אז ער האט דערגרייכט אזא עלטער, גלויבט טאקע א. מענעס, אז א קעניג וואלט אנפאר־טרויט אזא אלטען אידען 127 לענ־דער? און נאך א פראגע: אסתר אליין איז שוין אויך געווען אין די הויכע יארען. וועט זיך א יונגער מלך פארליבען אין א מיידעל, וואס וואלט שוין געקאנט זיין אן עלטער־עלטער באבע?

ארטאקסערקסעס האט ניט געקאנט זיין דער מלך אחשורוש און עס איז אנגענומען געווארען, אז קסערקסעס איז געווען דער מלך, וואס הייסט אין מגילת אסתר — אחשורוש. אויך דער קעניג איז שלעכט געווײלט, מחמת ער איז געקרוינט געווארען אין דעם יאר 485, און דאס מיינט, אז מרדכי איז דאן אלט געווען 121 יאר. דאן קומען נאך צו 12 יאר, ווען עס איז געווארפען געווארען דער גורל. צו 133 יאר ווערט מען ניט קיין פרע־מיער. אסתר איז אויך ניט געווען גענוג יונג און שיין. דאן האט קסערק־סעס געהאט א פרוי, וועלכע האט ניט געהייסען ושתי, נאר אמעסטרים. אזוי שרייבט דער היסטאריקער הערא־דאטוס, וועלכער האט געלעבט אין 5טען יארהונדערט פאר אונזער צייט־רעכע־נונג. הערא־דאטוס איז ניט געווען קיין אנטיסעמיט און האט גארניט געוואוסט וועגען אידען. ער האט גערעדט וועגען „ווייסע סיריער". מעגליך, אז דאס האט ער געמיינט די אידען. ער איז געשטאנען א סך נענטער צו די גע־שעענישען, ווי דער מחבר פון ספר אסתר.

לויט דער אוועסטא, די הייליגע שריפט פון זאראאסטער, טאר א פער־סישער קעניג נישט ניט נעמען א פרעמדער פאר א פרוי, נאר ער מוז קלייבען פון די 7 העכסטע אריסטא־קראטישע פאמיליעס פון פערסיע. דאס באשטעטיגט אויך הערא־דאטוס. דער פערסישער קעניג האט אויך ניט גע־קאנט אנפארטרויען פרעמדע מיט הויכע אמטען, נאר אייגענע, פערסיער. און דאס מיינט, אז ניט המן און ניט מרדכי האבען געקאנט ווערען פרע־מיערס. און המן, לויט ספר אסתר, איז געווען אן אגגי.

און די גרעסטע אומפארשטענדליכ־קייט אין דעם בוך אסתר איז — און מענעס האלט עס אפשר פאר א נס — וואס דער פערסישער קעניג גיט ארויס א באפעל, אז די אידען מעגען מארדען און רויבען די פערסיער און די אנדערע 126 פעלקער... און די אידען, הייסט עס אין דעם „היסטארישען" בוך, האבען געטויט ארום און ארום 75 טויזענט, אבער נישט גערויבט. און דאס מערקווירדיגסטע איז, וואס די פערסיער און די אנדערע פעלקער האבען זיך געלאזט מארדען, אן שום ווידערשטאנד — טאקע א נס!...

אין ספר אסתר ווערען נישט דער־מאנט די אלע געטער, וועלכע ווערען דערמאנט אין תנ"ך; אויך ווערט ניט דערמאנט דער גאט יהוה, וועלכער איז געווארען דער איינציגער גאט פון די נביאים און שפעטער, פון אידישען פאלק. עס ווערען אבער יא דערמאנט די „אידען" מרדכי און זיין קוזינע, אסתר. ביידע נעמען זיינען נישט קיין אידישע נעמען, נאר מרדכי איז דער באבילאנישער גאט מארדוק (יופיטער אדער זעאוס) און אישטאר איז די וואונדערבארע געטין פון ברויט און וויין — די אסתר פון דעם זעלבען נאמען. און אסתר אישטאר.

דער זיג פון מרדכי און אסתר אי־

(שלוס אויף פעידזש 3)

## א גוטע טיי פאר פסח וואס איז שוין פאפולער איבער 100 יאהר

ווען א געוויסער פראדוקט געפינט זיך אין די גראסעריס שוין איבער הונדערט יאהר און ער ווערט מיט יעדען יאהר אלץ מעהר און מעהר פאפולער, איז זיכער דא דערפאר א גוטע סיבה. טעטלי טיי איז פאר איבער הונדערט יאהר דער ליבלינג אין אמעריקע אין אידישע היימען. אט די וואונ־דערבארע טיי, מיט דעם זעלטענעם איידעלען און ארמאטישען געשמאק, איז געווארען א תושב אין יעדער אידישער היים, וואו נאר מען דערקוויקט זיך מיט א גוט גלאז טיי.

אין די איצטיגע טעג, ווען אידישע בא־לעבאסטעס הויבען אן צו טראכטען וועגען די פארשיידענע פראדוקטען, וועלכע זיי ווע־לען דארפען איינקויפען פאר דעם ליבען יום־טוב פסח, ווילען מיר ציהען זייער אויפ־מערקזאמקייט צו דעם פאקט, אז טעטלי טיי ווערט ממש צעכאפט פון די גראסעריס. דער־פאר איז א גוטע עצה באצייטענס זיך צו באזארגען מיט טעטלי טיי פאר דעם אמת'ען טיי־פארגעניגען לכבוד יום־טוב.

ווייל טעטלי טיי איז אזוי פאפולער, איז דאס אויך איינע פון די סיבות פארוואס זי איז שטענדיג פריש. יעדער גראסער קריגט פרישע זאפאסען זעהר אפט און דאס מאכט, אז ווען איהר סערווירט א גלאז טעטלי טיי און איהר וועט זיך איבערצייגען אין דער גוטער קוואליטעט, אזוי אז אויך איהר וועט גלייך באשטעלען ביי אייער גראסער צו האבען פאר אייך א זאפאס פאר פסח.

טעטלי טיי ווערט פראדוצירט פון די אויסדערוויילטע בלעטלעך, וועלכע ווערען גע־קליבען און צוגענגרייט פאר דעם פולסטען ווערט אין ארמאט און געשמאק. אויב איהר האט נאך ביז איצט ניט געטרונקען קיין טעטלי טיי — פרובירט עס היינט. איהר וועט זעהן, אז קיין בעסערס אין טיי איז ניטא.

# אַ לעבן פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— „דו ביזט שוין באַלד אַזוי ווי אייב" — איז איר געלעגן אויפ'ן צונג צו זאָגן דאָס לאַרי'ן, נאָר זי האָט זיך אָפּגעהאַלטן, ניט געוואָלט דערמאָנען פאַר אים אייב'ס נאָמען.

עלינאָר און לאַרי האָבן זיך ניט געקענט זען צו אָפט. לאַרי איז, ווי געוויינליך, געווען שטאַרק פאַרנומען מיט זיין אַרבייט אין האָספּיטאַל. ער האָט געהאַט אונטער זיין אויפזיכט אַ גאַנצן „וואָרד" (אָפּטיילונג) פון קראַנקע, וואָס ער האָט געדאַרפט אויף זיי אַכטונג געבן.

עלינאָר האָט געבענקט. אויב ניט זען אים, וועט זי מיט אים רעדן אין טעלעפאָן. זי וועט הערן זיין וואַרעם־קלינגענדיגע שטימע.

— וואָס האָט פּאַסירט, עלינאָר? — האָט לאַרי אויף יענער זייט טעלעפאָן צו איר געפרעגט. ער איז שוין געווען באַאומרואיגט. זיי האָבן ניט געהאַט אָפּגערעדט זי זאָל אים רופן.

— גאָרניט האָט פּאַסירט, לאַרי — האָט עלינאָר אַ פרייליכע אים אָפּגעענטפערט — ס'איז געשען נאָר דאָס, וואָס איך וויל דיר זען. כ'האָב זיך שוין אַזוי פאַרבענקט.

— מאָרגן אין אָוונט וועל איך אפשר קענען קומען — זאָגט צו איר לאַרי.

— מאָרגן? פונוואַנען ווייסטו, אַז איך וועל מאָרגן זיין אין דער היים? איך האָב גאָר אַ „רעיט" אויף מאָרגן — רעדט זי צו אים לאַכענדיג. זי רייצט זיך מיט אים, שמועסנדיג אַזוי אין טעלעפאָן. און אַז בעלאַ, די מאַמע עלינאָר'ס, שטייט דערביי און זי הערט איר אַזוי רעדן, פאַרדריסט עס איר און זי בייזערט זיך אַז אויף איר טאָכטער:

— עלינאָר, וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? מאַך זיך ניט משוגע!

געווען אויך ביי איר מינוטן, ווען אינמיטן פון אַ פרייד האָט זי דערפילט אַן אומרו אין זיך. זי איז דעמאָלט ניט זיכער געווען מיט איר לאַגע. און אַ מורא אַז איר באַפאַלן, אַז צווישן איר און לאַרי'ן קען נאָך אַלץ ווערן אויס. עפּעס וועט נאָך פּאַסירן און לאַרי וועט אויפהערן איר ליב האָבן. וואָס וועט דעמאָלסט מיט איר זיין?

וויפיל מאָל זי האָט ניט געפּרוּווט זיך פאַרשטעלן אַ קלאָרער געדאַנק איר צוקינפטיגען לעבן מיט לאַרי'ן, זיך אויסמאָלן ווי עס וועט אויסזען, איז איר אַלץ ניט קלאָר געווען. פאַר אירע אויגן פלעגט זיך תמיד מאָלן אַ ווייטאָן אַן אַנדער בילד — דאָס צעריסענע לעבן פון אירע אייגענע טאַטע־מאַמע. זי פלעגט אויסשיידערן און ווי אַ כמאַרע האָט זיך דעמאָלט פאַרצויגן איבער איר געמיט. נאָר זי האָט באַלד דעם בילד אָפּגעטריבן פון איר געדאַנק ווי אַ געשפּענסט.

ניין, איר אייגענער לעבן וועט אַזוי ניט זיין. זי איז אַנדערש און לאַרי איז אַנדערש, און זייער צוזאַמענלעבן וועט ניט זיין ווי טרויעריג ווי דער צעריסענער לעבן פון איר טאַטע־מאַמע. נאָר עס וועט זיין שיין און הויערהאַפטיג און גוט.

דער אומרואיגער געפיל, וואָס זי קען נאָך לאַרי'ן פאַרלירן האָט געמאַכט, אַז זי זאָל אַליין אָנהויבן אַטראַקירן מיט זייער חתונה, אַזוי האָט שוין איינמאָל ביי אים געפרעגט אייב ער האָט גערעדט מיט זיינע עלטערן וועגן איר.

— לאַרי, וואָס וואָלט געווען... — האָט זי איינמאָל אין אַ שמועס זיך אָפּגערופן צו אים.

— וואָס וואָלט געווען, וואָס? — האָט לאַרי איר אָנגעקוקט ווי זי ווערט אַזוי ערנסט און אומעטיג.

— דו שטעלסט זיך אַמאָל פאָר וואָס וואָלט געווען, ווען אימיצער פון אונז זאָל אויפהערן ליב האָבן? דו, אָדער איך. עס קען דאָך אַמאָל קומען אַזאַ צייט.

— אַ, רייד ניט אַזוי, עלינאָר, — האָט לאַרי זיך געגעבן אַ כאַפּ אַז אויפגערודערטער. — וואָס פאַר אַ מאָדנע געדאַנקען דיר פאַלן דאָס איין. וואָס איז מיט דיר?

ער האָט איר אָנגעקוקט צערטליך און וואָרים, ווי ער וואָלט וועלן אַוועקנעמען דעם אומעט, וואָס ער האָט איצט געזען אין אירע אויגן.

לאַרי האָט איצט עלינאָר'ן גוט געקענט, און ער האָט געוואוסט אַלע אירע חסרונות. זי איז געווען פול מיט קאַפּריזן און אַלערליי שטימונגען. זי האָט געקענט ווערן אויפגערעגט פון קלייניגקייטן. און זי האָט אָפט געלאָזט איר געפיל הערשן איבער איר פאַרשטאַנד. נאָר ער האָט פאַרקוקט אַ סך זאַכן. ער האָט דאָך איר אַזוי ליב געהאַט. און ער האָט געהאַט אין זיך אַ סך געדולד. דאָס אַלץ, וועט איבערגיין, שפּעטער, אַז זיי וועלן חתונה האָבן. זי וועט דעמאָלט זיין מער אונטער זיין איינפלוס און מיט ליבשאַפט וועט ער אויך איר ווירקן, אַז זי זאָל אַן אַנדערע ווערן.

איצט האָט ער געוואָלט געדיינקען נאָר דאָס גוטע אין איר. זי איז געווען אַזוי רייצענדיג שיין און אינטערעסאַנט. אַז ער איז מיט איר געגאַנגען אין גאַס, האָט פּאַסירט, אַז מענשן האָבן אומגעדרייט די קעפּ און נאָכגעקוקט זיי ביידען. זיינע קאָלעגן דאָקטוירים האָבן איר געזען אין „לאַבי" פון „מעדיקאַל צענטער", וואו ער האָט געאַרבייט. זי האָט אויף אים דאָרט געוואַרט, ווען ער האָט געדאַרפט אַרויסקומען צו איר, דעמאָלט ווען זיי האָבן אָפּגערעדט גיין צוזאַמען עסן מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן.

— דו האָסט אַ גוטן געשמאַק, לאַרי פּינקעל! — האָבן די קאָלעגן דערנאָך צו אים געזאָגט.

עלינאָר איז געווען אַ מיידל אַ פייאיגע, אינטעליגענט. האָט אויפגעכאַפּט זאַכן פלינק מיט'ן געדאַנק. ער האָט דאָך אַזאַ סאָרט מיידל געוואָלט. זי וועט באַרייכערן זיין לעבן גייסטיג, און ער וועט קענען טיילן זיך מיט איר מיט זיינע דערגרייכונגען אין זיין אַרבייט.

לאַרי איז געווען אַן אונטערנעמערישע נאַטור. ער וועט האָבן די אויפגאַבע עלינאָר'ן צו איבער־ערציען, אויסוואָרצלען פון איר אירע חסרונות. איז נאָך דורך דעם אים טייערער געוואָרען. ער וועט איר ברענגען נענטער צו זיך, צוגעוואוינען איר ביסלעכווייז. ער האָט געפילט אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר איר.

פּיקות זיינען געקומען צו אים און זיין באַלד פאַרשוואונדן. אַז זי וועט האָבן אַ ריכטיגע היים, וועט אַלץ זיין אַנדערש. זי וועט אַריינקומען אין זיין גרויסער משפּחה, דאָרט וואו ס'איז פאַראַן וואַרעמקייט און געטרײַשאַפט פון איינעם צום אַנדערן. זיין אייגענע מאַמע וועט אויף איר גוט ווירקן. יע, שוין לאַנג צייט געווען, ער זאָל עלינאָר'ן באַקענען מיט זיין היים און מיט דער גאַנצער משפּחה. אַזוי האָט איצט לאַרי ביי זיך פעס באַשלאָסן.

### אייגענער קאַפּיטעל

לאַרי אַ ניט געווען באַאומרואיגט וועגן די שוועריגקייטן, וואָס ער וועט אפשר האָבן ביי אים אין דער היים. ער אַ געווען זיכער, אַז עלינאָר וועט אַלעמען געפעלן אין זיין פאַמיליע און אויב אפילו ניט, איז ער דאָ אַ זעלבסטשטענדיגער מענש, און קען האַנדלען לויט זיין אייגענעם וויל און ביי קיינעם ניט אָנפרעגן זיך.

לאַרי'ס טאַטע־מאַמע, נייטען פּינקעלשטיין און זיין ווייב גאָלדע, זיינען שוין געווען עלטערע מענשן. פרום אין זייערע פּיגנען, מיט כשר'ע געפעס, פליישיגס און מילכיגס באַזונדער. זייער היים איז געווען אַלט־מאָדיש אויסגעשטאַט, מיט אַלטע מעבעל, נאָר אַלץ איז דאָ נאָך געווען פעסט און סאָליד. מאַסיווער, געשניצטער בופעט איזעם־צימער. אַ שווערער, דעמבענער טיש, וואָס האָט זיך געקענט פונאַנדערזוקן אַז מען איז זיך צונויפגעקומען אויף אַ שמחה. און הויכע לעדערנע שטולן, זיין אָפּגענוצטע, נאָר זיי האָבן זיך געהאַלטן פעסט. אַ אַלמער ווענט־זייגער האָט לאַנגזאַם אויסגעשלאָגן די צייט. עס איז געווען אַ באַלעבאַטישע שטוב, ריין און צניעותדיג. מרס. פּינקעלשטיין האָט געשמט פאַר אַ גרויסער באַלעבאָסטע.

די פּינקעלשטיינס האָבן אָפּגעלעבט זייער לעבן אין שווערער האַרעוואַניע. ער אין שאָפּ איז געווען פון די „איינרייסער". און זי איז דער היים, זי האָט געהאַלטן „סדרים" און געשפּאָרט און געקאָרגט. אַלץ איז געגאַנגען פאַר די קינדער וואָס זיינען אויסגעוואַקסן געזונטע און קרעפטיגע. שפּעטער האָט מען די קינדער געדאַרפט שיקן אַ די סקולס זיך לערנען, און אַ פּאָר פון זיי האָבן אפילו אויסשטודירט אין די קאָלעדזשעס.

(ווייטערעס — מאָנטאָג)

# מאַקס געביל דערצעהלט

(שלום פון פּעידוש 2)

ווען, וועט דינען פאָלגענדער עפּיזאָד: געוויינליך פלעגן די אַקטיאָרען אַריינקומען אין באַר עפּעס טרינקען. איך בין בטבע נישט קיין טרינקער, אָבער אַריינקומען אין באַר פלעג איך, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אָפּשטיין פון מיינע קאָלעגן. איז איינמאָל, זיצענדיג אַזוי אין באַר, האָט בערנשטיין מיט מיר פאַרבונדן אַ געשפּרעך און אַזוי איז אַרויסגעקומען, אַז איך האָב נאָך נישט באַוויזן צו ווערן אַן אַמעריקאַנער סיטיזען, ווייל איך האַלט אַלץ אין איין וואַנדערן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. ווי בערנשטיין האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגערופן:

— זע מיך מאָרגן, און דו וועסט אַ סיטיזען אין פאַרלויף פון דריי טעג!

איך האָב אים געדאַנקט, ווייל כאָטש עס איז געווען פאַר מיר זייער וויכטיג צו ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער, האָב איך עס נישט געוואָלט ווערן אויף נישט קיין גלייכע וועגן. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וועל שוין צואוואַרטן ביז איך וועל מיך באַזעצן אין ניו יאָרק און דעמאָלט וועל איך אויפ'ן נאָרמאַלן וועג ווערן אַ סיטיזען.

ווערן אַן אַמעריקאַנער סיטיזען איז ביי מיר געווען סיי אַ וויכטיגער און סיי אַ הייליגער אַקט, וועלכן איך האָב געוואָלט דורכפירן נאָר אויף אַ ריינעם יסוד.

בערנשטיין איז נישט געווען אַזוי באַגייסטערט פון מיין ענטפער, ווייל ער האָט שטאַלצירט דערמיט וואָס ער האָט אַזוי שנעל פאַרגרעסערט די רייען פון אַנקעל סעמ'ס סיטיזענס.

בערנשטיין האָט מיך געגעבן אַ קוק אַן, געטאָן אַ גלעט זיינע וואָנצעס און אַ ברום געטאָן: — פון אייך וועט קיינמאָל גאָרנישט זיין!

קליוולאַנד האָט דעמאָלט געהאַט אַ אידישע באַפעלקערונג פון אַריבער 80 טויזענט, אָבער דריי פערטעל פון זיי זיינען געווען אונגאַרישע אידען, וואָס האָבן נישט גערעדט קיין אידיש, ווייל זיי האָבן גאָר די שפּראַך קיינמאָל נישט געקענט. צוליב זייער נאָענטקייט מיט עסטרייך, האָבן זיי נאָך אַמאָל אַרויסגערעדט אַ דייטש וואָרט. אָבער אונזער אידיש איז זיי געווען פרעמד. דאָך האָט זיך געפונען אין קליוולאַנד אַ גאַליציאַנער איד, אַן עקשן, וואָס האָט דאָרט אַרויסגעגעבן אַ אידישע צייטונג. דאָס איז געווען ר' יהושע ראַקער, אַ איד אַ תלמיד חכם, אַ וואוילער מענש און אַ טייערער איד. ראַקער האָט מיך געקענט פון דער היים, דאָס הייסט נישט מיך גופא, נאָר מיינע עלטערן, מיין אַפּשטאַם. אַליין איז ראַקער געווען אַ סאַנזער, און טאַקע דאָרט אין סאַנז, וואו איך האָב אויך געהאַט משפּחה, איז ראַקער געווען מיט זיי גאָר נאָענט אויפגעטראָגן, האָב איך דעריבער געפילט אין ראַקער'ן ווי ער אַליין וואָלט געווען מיינער אַן אייגענער. אויך ראַקער האָט מיך שטאַרק מקרב געווען און איך פלעג אָפט אַרויפקומען צו אים אין רעדאַקציע, ביז איינמאָל האָט ער מיר געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז איך זאָל נעמען שרייבן פאַר אים אַ סעריע איינדרוקן און בילדלעך פון דער ניו יאָרקער איסט סאַיד, באַזונדערס פון העסטער סטריט. איך האָב זיין פאָרשלאָג גערן אָנגענומען און אַזוי פלעג איך ביי אים אין צייטונג כסדר דרוקן אַזעלכע קורצע בילדלעך, וואָס האָבן פאַרנומען אַ קאָלום אָדער עפּעס מער.

דאָס וואָס דער גרעסטער טייל פון דער קליוולענדער אידישער באַפעלקערונג האָט געשטאַמט פון אונגאַרן, האָט געהאַט אַ ווירקונג אויך אויף די געשעפטן פון אונזער טעאַטער. וואָרים ווייבאַלד אַז זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין אידיש, האָט זיי נישט אינטערעסירט צו קומען צו אונז אין טעאַטער, איז די לאַגע פון אונזער טעאַטער געווען טאַקע גאָר נישט פויגלדיג. קיין סך בענעפיטען האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו מוטשען, און אַז מען נעמט זיך מוטשען אין טעאַטער, הויבן זיך אָן מיטינגען מיט באַראַטונגען. די דאָזיגע אָפּטע מיטינגען פלעגט רופן פרענק, ווייל ער האָט געמאַכט דעם געשעפט מיט בערנשטיינ'ען און בערנשטיין האָט געהאַט טענות צו אים. די טרופּע האָט אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מער צייט אויף די מיטינגען ווי אויף די פּראָבעס. געווען שוין אפילו פאַלן וואָס מען האָט אין די אָוונטען אָפּגערופן פאַרשטעלונגען, ווייל עס איז נישט געווען פאַר וועמען צו שפּילן, האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע געשיכטע וואָס אין פילאַדעלפיע. מען האָט גענומען מאַנען ביי מיר אַ פּיעסע, וואָס זאָל ראַטעווען אונז פון דער שווערער לאַגע.

אָבער וואו זאָל איך נעמען אַ פּיעסע, אַז „טאַטע מאַמעס צרות" איז אויך שוין געשפּילט געוואָרן. נאָר דאָ איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט, ווי געזאָגט פריער, אַ היסטאָרישע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון אידישן טעאַטער. איך האָב אָנגעשריבן אַ פּיעסע, וואָס האָט געראַטעוועט אונזער לאַגע, און וואָס האָט געמאַכט ממש אַ רעוואָלוציע אין קליוולאַנד.

ווי הייסט די פּיעסע, וואָס באַהאַנדלט זי, און ווי אַזוי בין איך געקומען צו דעם געדאַנק? — אין דעם קומענדיגן קאַפּיטל.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

איצט האָבען שוין די פינקעל־שטיינס געקענט לעבען רוהיג. קיין באַזונדערע דאגות האָבען זיי שוין ניט געהאַט. זיי האָבען געקענט געניסען די פרוכט פון זייער האָרעוואַניע און זיין צופרידען מיט זייערע דערגריי־כונגען. זייערע קינדער, זעקס אין צאָל, זיינען שוין אַלע געווען גוט באַ־זאָרגט. צוויי טעכטער און צוויי זין זיינען שוין געווען פאַרהייראַט, און די אינגסטע, נאָך לאַרי'ן, איז געווען אַ מיידעל פופצען יאָר אַלט — די ניי־זינקע, וואָס האָט זיך איצט געלערענט אין הײַ־סקול.

און פון לאַרי'ן האָבען טאַטע־מאַמע קיינמאָל קיין זאָרג ניט געהאַט. זיינע פייאיגקייטען און זיין קלוגשאַפט האָ־בען זיך אַרויסגעוויזען נאָך פון קינ־דווייז אָן. מיט זיין גרויסען חשק צום לערנען האָט זיך אַלין איס גרינג גע־געבען. האָט מען געקענט זען, ווי עס וואַקסט אַ וויכטיגער מענש. ער איז געווען דער גרעסטענסטער אין דער פאַמיליע. טאַטע־מאַמע האָבען צו אים אַרויפגעקוקט און זיך מיט אים געגרויסט.

צו פאַרגרינגערען זיך דאָס לעבען, האָט נייטען פינקעלשטיין איבערגע־לאָזען דעם שאַפּ און ער האָט גע־עפענט אַ „קלינינג ענד פּרעסינג"־סטאָר, איז געוואָרען פאַר זיך אַליין אַ באַלעבאָס. זיי האָבען געוואוינט אין ברוקלין, און די אויסגעגעבענע קינדער האָבען זיך געהאַלטען נאָענט מיט זיי־ערע טאַטע־מאַמע אַפילו נאָך זייער חתונה. עס האָט זיי געצויגען צו זייער היים, ווי די פייגלען צו אַ צו־געוואוינטער נעסט. מרס. פינקעל־שטיין האָט איינגעפירט, אַז אין די פרייטאָג־צונאַכטען זאָלען אַלע אירע קינדער זיך צונויפקלייבען ביי איר אין שטוב עסען סאַפּער.

לאַרי האָט אויך געהאַלטען פאַר זיין חוב צו קומען אַהער אין אַ פרייטאָג־צונאַכט עסען סאַפּער אינאיינעם מיט דער פאַמיליע, כאָטש ער האָט שוין געוואוינט ווייט פון דער היים און גע־האַט זיין דירה אין שפּיטאָל, וואו ער האָט געאַרבייט. נאָר די לעצטע צייט, זינט ער האָט געקראַגען עלינאָר'ן, זיינען די וויזיטען זיינע אַהיים זעל־טענער געוואָרען. עס האָט אים אויס־געפעלט צייט.

די קינדער זיינען פון אַלע יאָרען געווען צוגעוואוינט צו פאַרטרויען זייער מאַמען אַלע זייערע סעקרעטען און זיך האַלטען מיט איר אַן עצה אין וויכטיגע ענינים, און ניט מיט דעם טאַטען, וואָס איז אין די אינגערע יאָרען זיינע געווען צופיל פאַריאָגט מיט זיין אַרבייט אין שאַפּ, און ער פלעגט קומען אַהיים אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער.

מרס. פינקעלשטיין האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ שטילער חכמה. פון אַלע יאָרען האָט זי געהאַט מער צוטריט צו די קינדערשע הערצער. זי האָט מיט זיי אַלעמען געפירט, און עס איז אַרויסגעקומען גוט. באַזונדערס איז לאַרי שטאַרק צוגעבונדען געווען צו זיין מאַמען, זי שטאַרק ליב געהאַט און געטרויט איר פאַרשטאַנד. ער האָט געהאַלטען, אַז אַ גרויסען חלק פון זיין ערפאָלג איז ער שולדיג איר, זיין מאַמען. זי האָט אַמאָל מיט אַן עצה, צי מיט אַ קלוגען וואָרט אַריינ־געגעבען אין אים מער חשק אין זיין שווערען וועג וואָס ער האָט געהאַט דורכצוגיין און זי האָט אַריינגעגעבען אים אַ נייע האָפנונג.

זי האָט אַן באַזונדערע רייד אים געלערענט אַז יעדע שווערע מי באַ־צאָלט זיך און אַז קיין שום אַנ־שטרענגונג גייט ניט פאַרלאָרען אין גיוועץ...

איצט האָט לאַרי זיך געדאַרפט דורכריידען מיט זיין מאַמען וועגען עלינאָר'ן, דערציילען איר, אַז ער האָט שוין אויסגעזוכט אַ באַשערטע. אַ ביסעל האָט אים דאָך געטיאַכקעט אין האַרצען. ער האָט גוט געוואוסט זיין מאַמע'ס אַמביציעס וועגען אים. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז לאַרי דאַרף קריגען אַ מיידעל, וואָס זאָל זיין מיט אַלע מעלות — אַ שיינהייט, פון אַ פיינער משפחה, און טאַלע מיט אַ סך געלט אויך.

אוודאי וואָלט איר געווען שטאַרק צום האַרצען, ווען ער קלייבט אויס די שיינע ליליען, אַ מיידעל, וואָס איז פון זייער אייגענער משפחה, אַ ווייטע קרובה זייערע. זי קען איר גוט. און עס וואָלט געווען פאַר לאַרי'ן אַ פּאַ־סיגער שידוך. נאָר אויב ניט ליליען, איז אַן אַנדערע פון זעלבען סאָרט — אַ שיינהייט און רייך, און פון אַ באַ־לעבאַטישער שטוב.

צייט פאַר לאַרי'ן צו חתונה האָבען. מען דאַרף ניט וואַרטען ביז ער וועט ענדיגען און עפענען אַן אָפיס. מיסעס פינקעלשטיין האָט געפּלאַנט אַריינצונע־מען דעם פּאַר פּאָלק דערוויילע ביי זיך אין שטוב, אָפּגעבען זיי אַ צימער. איר געדאַנק איז געווען, אַז זי זאָל איר שנור דערווייל בעסער דערקענען, און אוועקשטעלען איר אויף איר וועג צו פירען זיך מיט איר זון. זי איז שוין געווען אומגעדולדיג צו זען לאַרי'ן מיט אַ באַשערטער מיידעל. אַפילו נייטען, דער טאַטע לאַרי'ס, האָט שוין אַרויס־געוויזען זיין זאָרג וועגען דעם ענין:

— פאַרוואָס זוכט ער זיך נימ אויס עפּעס אַ פיינע מיידעל און האָט ניט חתונה? — האָט ער איינמאָל אין אַ שמועס מיט זיין ווייב אַרויסגעוויזען ווי ער איז באַזאָרגט.

— דאגה'סט זיך וועגען אונזער לאַ־רי'ן? — האָט זי איר מאַן אָפּגעענט־פערט מיט שטאָלצקייט אין איר טאָן. — ער וועט שוין קריגען עפּעס אַזוינס, וואָס וועט זיך פאַר אים פּאַסען.

נו, גוט. האָט לאַרי באַשלאָסען צו פאָרען אין ברוקלין און דורכרעדען זיך מיט זיין מאַמען. ער האָט אויסגע־קליבען אַן אָוונט אין מיטען דער וואָך. ניט פרייטאָג־צו־נאַכט, ווען אַלע קינדער קומען זיך צונויף פאַר סאַפּער. און אָט זיצען שוין מאַמע און זון און זיי שמועסען. אין שטוב איז קיינער ניטאָ. לאַרי האָט איר שוין אַלץ דערציילט. ער האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב צו זאָגען איר אַלץ. די מאַמע זיינע דאַרף וויסען, אַז עלינאָר קומט פון אַ היים וואו טאַטע־מאַמע לעבען ניט צוזאַמען. עס איז אַ צעררי־סענע היים. נאָר די מיידעל, עלינאָר, איז אַ פיין קינד. זי פאַרמאָגט אַן

אַ שיעור מעלות און ער, לאַרי, האָט איר שטאַרק ליב.

מיסעס פינקעלשטיין האָט געשוויי־גען שטיל. נאָר אין אירע אויגען האָט ער געזען אַלץ. די מאַמע זיינע איז אַנטוישט. דער מאַמע'ס געדאַנקען זיינען איצט שנעל געלאָפען. און אָט פון וואָס זי האָט די מינוט געטראַכט:

„דער מיידעל'ס טאַטע־מאַמע זיינען צעשיידט. וואָס פאַר אַ סאָרט מענ־שען זיינען זיי? און וואָס פאַר אַ היים האָט זי זיך געהאָדעוועט? אוודאי, עס זיינען גאָר ניטאָ קיין גו־טע לעבענס. ווער ווייסט דאָס ניט. מאַן און ווייב לעבען ניט אַלעמאָל בשלום. מען קריגט זיך אַרום. די פרוי אַ־אַפּט די באַ'עוול'טע. נאָר מען שטיקט

אין זיך... מען טראָגט דעם יאָך און מען שווייגט... נאָר אַז מאַן זאָל אינ־גאַנצען אַוועק פון דער היים, איבער־לאָזען אַ ווייב און אַ קינד — פון אַזוינס האָט מען נאָך אין זייער גאַנ־צער משפחה ניט געוואוסט."

איז זי געזעסען איצט מיט איר זון און אַלץ אַזוי איבערגעטראַכט און גע־שוויגען שטיל, די אַלטע מיסעס פינ־קעלשטיין. און לאַרי האָט געפונען פאַר נויטיג צו זאָגען:

— מאַ, איך בין שוין ניט קיין קינד. איך פאַרשטיי זיך גוט אויף מענשען. דענקסט ניט אַזוי?

— צי דו פאַרשטייסט? — האָט די מאַמע איר זון אָנגעקוקט מיט ליב־טיגע אויגען — אַזאַ יאָר אויף מיר ווי דו קענסט זיך אויף מענשען. איך זאָג דען אַז ניט?

— זי איז זייער אינטעליגענט, עלי־נאָר. זי איז אַ געלערנטע. מיט איר צו ריידען...

—יע, געלערנטקייט איז טאַקע גוט, אָבער צי וועט זי קענען זיין אַ גוטע ווייב פאַר דיר, מיין זון...—האָט די מאַמע אַרויסגעוויזען ווי זי איז באַ־אומרואיגט.

— וואָס פאַר אַ מעלות דאַרף זי פאַרמאָגען צו זיין אַ גוטע ווייב, מאַ? — איך ווייס? — האָט די מאַמע אים איצט אָנגעקוקט, אירע אויגען פול מיט ליבשאַפט. עס איז געווען ווי זי וואָלט זאָגען: — אַז עס איז גאָר ניטאָ אַזאַ מיידעל, וואָס זאָל זיין צו גוט פאַר אים. לאַרי האָט ניט ווי־לענדיג אַ שמייכעל געטאָן. און געגע־בען אַ גלעט דער מאַמע'ס פּנים:

— אַז דו וועסט איר אָנקוקען, וועס־טו אַליין זען. איך ווייס, זי וועט דיר געפעלען, מאַ.

— דאָס וואָס איך וויל טאַקע, מיין זון — האָט מיסעס פינקעלשטיין זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט — ברענג איר צו־פירען אַהער אויף אַ טאָג. דעם זונטאָג, לאָמיר זאָגען, קום מיט איר.

דער מאַמע'ס האַרץ האָט אַ פּלאַטער געטאָן. זי האָט שוין אין געדאַנק גע־נומען זיך רעכט מאַכען, אַז אַזוי דאַרף דאָס זיין. עס איז געווען געוועזן, אַז לאַרי האָט די מיידעל אויסגעקליבען, און זיי, די פאַמיליע, דאַרפען איר אויפנעמען גוט און ליב האָבען.

(ווייטערעס — מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • • • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עס איז אַפּגעמאַכט געוואָרען צווישען דער מאַמען און איר זון, אַז דעם זונטאג בייטאג זאָל ער קומען אהער מיט עלינאָר'ן און זי, די מאַמע, וועט צוגרייטען אַ פאַראָרנעם מיטאָג.

— דוף ניט קיין זייטיגע מענשען, פאַר יענעם טאָג, מאַ. נאָר אייגענע. די פאַמיליע.

— וואָס האָסטו מורא, מיין קינד?

— האָט מיסעס פינקעלשטיין שוין געשמייכעלט—מ'וועט איר דאָ חלילה ניט קענען אַן עין-הרע געבען.

— ניין, דעם ערשטען מאָל, ווייסט דאָך...—האָט לאַרי דער מאַמען זיינער געגעבען צו פאַרשטיין.

— גוט, גוט מיין זון. זאָל זי נאָר קומען. איך וויל איר שוין טאַקע אליין אויך אָנקוקען און זען — האָט זי אַרויסבאַגלייט לאַרי'ן צו דער טיר ווען זיי האָבען זיך געזעגענט.

אין יענע טעג איז עלינאָר געווען באַזונדערס אויפגערודערט און צע־טראָגען, ווען אַלץ האָט געראַפּט באַ־שלאָסען ווערען, איר בונד מיט לאַרי'ן פאַרפעסטיגט ווערען. נאָכדעם ווי זי וועט אָפּשטאַטען אַ וויזיט אין דער היים פון לאַרי'ס עלטערן און זי וועט זיך מיט זיי נעענטער באַקענען, וועט מען שוין דאַרפען אָנהויבען גרייטען זיך צו זייער חתונה.

לאַרי האָט עלינאָר'ן געגעבען צו ווי־סען, אַז ער האָט שוין גערעדט מיט זיין מאַמען. ער האָט איר „צוגעגרייט", האָט ער געזאָגט, און אַז די וואָך, זונ־טאָג, וועט ער קומען נאָך איר, נעמען איר צו אים אַהיים, און זיי וועלען דאָרט עסען מיטאָג.

עלינאָר'ס האַרץ איז ניט געווען רוהיג. זי האָט אַלץ געטראַכט: „ווי וועלען זיי איר דאָרט אויפנעמען? און צי וועט זי זיי געפעלען?" זי האָט זיך געפּרואווט פאָרשטעלען ווי אַזוי דער וויזיט אירער וועט פאָרקומען. זי האָט צוגעמאַכט די אויגען און געזעהן ווי זי שטייט אינמיטען שטוב, און לאַרי'ס מאַמע און זיינע דריי שוועסטער-רינג־לען איר אַרום און יעדערע פון זיי פרעגט ביי איר פראַגען, אויסצוגעפי־נען וואָס פאַר אַ סאָרט מיידעל זי איז, און צי זי וועט זיין אַ גוטע ווייב פאַר לאַרי'ן. ער האָט דאָך איר דערציילט איינמאָל ווי געטריי זיי זיינען אים אַלע, און ווי יעדערע באַזונדער האָט אים אין זינען און זאָרגט זיך כסדר פאַר אים.

עס איז געווען מאָדנע. דוכט זיך, אַז עלינאָר איז אַלעמאָל געווען דרייסט מיט נייע מענשען, ווען זי האָט זיי באַגעגענט. זי האָט אומעטום אויס־גענומען, ווען מען האָט זיך נאָר מיט איר באַקענט. און עס איז גאָרניט געווען אין איר נאַטור צו זיין אומזי־כער מיט דעם. נאָר איצט האָט זי זיך קיינמאָל ניט געקענט באַפרייען פון איר אומרוהיגער שטימונג ווען זי האָט געטראַכט פון דעם קומענדיגען וויזיט. עלינאָר האָט שוין אַפילו איבערגע־רעדט פאַר איר מאַמען וועגען אַט דעם געפיהל אירען:

— איך ווייס ניט ווי זיי וועלען מיך דאָרט אויפנעמען — האָט זי אומעטיג אַ שמייכעל געטאָן. — עס קען גאָר זיין, אַז איך וועל זיי ניט געפעלען ווערען.

בעלאַ האָט געפּרואווט באַרוהיגען איר טאָכטער און זי האָט זיך אָפּגע־רופען:

— אַזוי? דו ווערסט זיי ניט געפע־לען ווערען? — האָט זי געגעבען אַ לאַך. — וואָס איז מיט זיי אַליין דער יחוס? לאַרי האָט דאָך אַליין דער־ציילט, אַז זיי זיינען „קאָמאָן פּיפּל" (פּראָסטע מענשען), זיין טאַטע־מאַמע. איז וואָס האָסטו דאָ צו זיין אָפּגע־שראָקען?

עס זיינען געווען נאָך זאַכען, וואָס האָבען עלינאָר'ן געררייצט און בערוועז געמאַכט. אַז עס איז געקומען צו רייד אין שטוב וועגען דער חתונה, האָט בעלאַ, די מאַמע אירע, אויף־דאָס־נייַ אויפגעוועקט די אַנגעווייטאַגטע פּראַ־גע וועגען איר מאַן, עלינאָר'ס טאַטע. איר לאַנג־יעריגער כעס, בעלאַ'ס, אויף איר מאַן איז ניט געשטילט געוואָרען. זי האָט ריידענדיג מיט עלינאָר'ן אויפ־געמישט אירע אַלטע טענות, אַז ער איז אַ „ברוט", אַ מענש אָן אַ האַרץ. און זי איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז ווען עס וועט קומען צו דער חתונה וועט זי אים ניט רופען. זי וועט אים אַפילו ניט אַנזאָגען די שמחה. מיט דעם האָט זי געוואָלט פון אים נקמה נעמען פאַר די אַלע יאָרען וואָס ער האָט איר איבערגעלאָזען אַליין; איר און די איינציגע טאָכטער זייערע. און צוליב דעם איז שוין אַפילו איינמאָל אַרויסגעקומען אַ קריג צווישען איר מיט עלינאָר'ן. עלינאָר האָט זיך אויף איר צעשריען:

— ער איז מיין טאַטע! און ער איז גוט. אפשר נאָך בעסער פון דיר! — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסען, ניט-ווילענדיג, זייענדיג שוין צופיל אין כעס איצט אויף איר מאַמען.

בעלאַ'ן האָט זיך קיינמאָל ניט איינ־גענעבען צו פאַר'מיאוס'ן איר מאַן ביי זיין טאָכטער אין די אויגען. עלינאָר'ס ליבשאַפט צו איר טאַטען איז ניט גע־מינערט געוואָרען. זי פלעגט אים פון צייט צו צייט גיין זען ביי זיינע פריינט, וואו ער האָט געוואוינט, און יעדעס מאָל פלעגט זי קומען פון דאָרט מיט אַ צעוויייטאָגט האַרץ. זי האָט געזען ווי איר טאַטע ליידעט אויך פון זייער צעריסענעם לעבען. און וועמען צו באַ־שולדיגען איז ניט געווען...

יענעם אָוונט, ווען זי איז געלאָפען צו איר טאַטען דערציילען אים פון איר גליק, פון דעם וואָס זי האָט ע־קראָגען דעם ריכטיגען באָי, האָט זי געזען ווי דעם טאַטענ'ס פּנים האָט זיך צעשיינט. ער האָט איר אַרומ־גענומען און זיין קול איז ביי אים גע־ווען אויסגעמישט מיט פרייד און גע־וויין, וואָס אין אַזאַ וויכטיגער מינוט קען ער ניט זיין דערביי.

שפּעטער האָט דער טאַטע שוין אַ פּאָר מאָל זיך אָנגעפרעגט ביי איר, ווען ער וועט קענען זען איר געליבטען באָי, לאַרי'ן? ער איז געווען זייער פאַראומערט, דער טאַטע אירער. ער האָט דאָך געוואָלט אים זען, דעם באַ־שערטען, וואָס זיין טאָכטער האָט זיך אויסגעקליבען. ער וויל ריידען מיט אים. עלינאָר האָט אַלץ אָפּגעלייגט זייער באַגעגעניש. עס זיינען אויפ־געקומען שוועריגקייטען, ווען און וואו זיי זאָלען זיך זען? און ביז איצט איז נאָך אַלץ ניט געווען באַשלאָסען וועגען דעם. דאָס אַלץ האָט עלינאָר'ן געמאַכט נערוועז און צערייצט, און איצט איז נאָך צוגעקומען דער וויזיט צו לאַרי'ס היים, וואָס זי דאַרף דורכ־מאַכען. און די שטימונג ביי איר איז ניט געווען קיין פריילעכע.

לאַרי האָט איינמאָל איר געזען אַזאַ, און ער האָט זיך שטאַרק גע־וואונדערט:

— וואָס איז מיט דיר, עלינאָר. דו ביזט אַזוי פאַרקלערט. אַזוי אומע־טיג?

— עס איז דער וויזיט, וואָס מיר דאַרפען דורכמאַכען ביי דיר אין דער־היים, — האָט זי אים געזאָגט. — איך וואָלט שוין וועלען עס זאָל זיין נאָכדעם; דאָס איבערקומען וואָס גיכער.

— וועגען דעם זאָרגסטו זיך אַזוי?

— האָט לאַרי אַ לאַך־געטאָן. — מיינע אייגענע זיינען האַרציגע, גוטע מענ־שען. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, עלינאָר. מיין מאַמע, איך בין זיכער, אַז איר וועט זיך ביידע ליב האָבען ווען איר וועט זיך באַקענען.

— טאַקע וועגען דיין מאַמען. — איך האָב מורא איך וועל איר ניט געפעלען, — האָט עלינאָר געפּרואווט זוכען אַן ענטפער פאַר איר אייגענער אומרוהיגקייט. — דו האָסט אַמאָל, דוכט זיך, געזאָגט, אַז דו האָסט אַ סך אין זיך פון דיין מאַמע'ס שטריכען. ניט אַזוי, לאַרי?

— נו, און פאַר מיר האָסטו דאָך ניט מורא, עלינאָר? — האָט לאַרי אַלץ געשפּאַסט. ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס איז דאָ פאַראַן צו זיין אומרוהיג. פאַר אים האָט אַלץ אויסגעזען אַזוי פּשוט. אויב אַפילו אין ערגסטען פאַל, עלינאָר וועט ניט געפעלען ווערען זיין טאַטע־מאַמע וועט ער זיי ניט פאָלגען. ער איז אַ זעלבסטשטענדיגער מענש. און ער ווייסט, וואָס ער טוט. ער האָט גע־זאָגט צו עלינאָר'ען, אַז וועגען דעם איז ניטאָ וואָס זיך צו זאָרגען. עס איז גענוג וואָס ער אַליין האָט איר ליב.

— איך קען דיר ניט פאַר אַזאַ, אַז דו זאָלסט זיין אַזוי אַלד־פעשאַן און זאָלסט זיך רעכענען מיט דעם, וואָס טאַטע־מאַמע זאָגען, — האָט לאַרי זיך אַפילו אַ רייץ געטאָן מיט איר, און עלינאָר האָט שוין אויך ניט־ווי־לענדיג געלאַכט.

לאַרי'ס צערטליכער באַנעמען זיך צו איר און זיין זיכערע, אַנטשלאָ־סענער טאָן האָט אַלע מאָל געווירקט אויף איר באַרוהיגענדיג. און זי האָט געפילט דאַנקבאַרקייט צו אים.

נאָכדעם איז געקומען דער טאָג זונטאָג, ווען זי, עלינאָר, האָט שוין געראַפּט זיך נעמען גרייטען צום וויזיט. זי האָט אין יענעם פּרימאַר־גען אָנגעמאָסטען אַלערליי קליידער. איר האָט זיך געוואָלט אָנטאָן די שענסטע קלייד פון איר גאַרדעראָבע. נאָר איר גוטער געשמאַק האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז זי זאָל ניט צו־שרייענדיג זיך אויספּוצען. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ טונקעל־גרינער קלייד, וואָס זי האָט דאָ ניט לאַנג געקויפט. אין גרינעם קאָליר האָט זי אַלע מאָל געפילט זיך גוט. עס האָט געפּאַסט צו דעם קאָליר פון איר פּנים. זי האָט אָנגעטאָן אַ שנירעל דינע פּערל אויף איר שלאַנקען האַלז. און זי האָט לאַנג געקאַמט אירע ברוינע, געלאָקטע האָר, ביז זיי האָ־בען שיינענדיג געגלאַנצט. זי האָט גענוצט גאָר ווייניג מעיק־אַפּ, נאָר רויט געמאַכט די ליפּען און אַ ביסעל פּודער.

לאַרי איז אָנגעקומען פּונקט אין צייט ווי עס איז געווען אָפּגערעדט. ער האָט געגעבען אַ שנעלן קוק אויף עלינאָר'ען און ער איז געבליבען צו־פרידען מיט איר טואַלעט. עלינאָר איז געווען איינגעהאַלטען, ערנסט. און זיי האָבען איצט ווייניג צווישען זיך גערעדט. לאַרי איז געקומען מיט אַ „טעקסי" צו נעמען איר צו דער היים פון זיינע עלטערן. ער האָט געהאָל־פען עלינאָר'ען אָנטאָן דעם מאַנטעל. בעלאַ, עלינאָר'ס מאַמע, האָט זיי ביידען באַגלייט צו דער טיר. מיט אַ געהויבענער שטימע האָט זי זיי צוגעוואונשען: — זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!

(פאָרטזעצונג מאָרגען)

## סאָוועטען לערנען דייטשע פּאָליציי צו באַנוצען טאַנקען

לאָנדאָן, מערץ 22. — דאָ זיינען דערהאַלטען געוואָרען באַווייזען, אַז די מיליטערישע פּאָליציי אין מזרח־דייטשלאַנד, וואָס ווערט קאָנטראָלירט פון די סאָוועטען, ווערט געלערנט ווי צו באַנוצען זיך מיט טאַנקען.

אָפיציעלע קרייזען ערקלערען דאָ, אַז דאָס באַנוצען זיך מיט טאַנקען אין דייטשלאַנד איז פאַרבאָטען גע־וואָרען אין פּאָטסדאַם דורך אַמעריי־קע, רוסלאַנד, ענגלאַנד און פראַנק־רייך.

דערווייל באַנוצט זיך די פּאָליציי מיט 80 טאַנקען. סאָוועטישע אינ־סטרוקטאָרס פירען אָן מיט דעם לער־נען צו באַנוצען זיך מיט די טאַנקען.

## ווי אַזוי גרינג צו מאַכען אַ געשמאַקען פיינעפּעל „אַפּסייד־דאַון קעיק"

דער סעזאָן פון באַקען גוטע, געשמאַקע, היימישע קעיקס איז איצט דאָ. איינער פון די באַליבטסטע קעיקס אין אידישע היימען איז דער אַזוי גערופענער פיינעפּעל „אַפּסאַיד דאַון קעיק". דער דאָזיגער קעיק קען געמאַכט ווערען אַזוי וואונדערבאַר גוט, אַז ער וועט ברענגען די בעסטע קאָמפּלימענטען. כדי דאָס צו דערגרייכען איז ניטאָ קיין בעסערע קאָמ־בינאַציע ווי סוואָנס דאַון אינסטענט קעיק מיקס און דאָול קריספּ־קאַט פיינעפּעל.

די דאָזיגע צוויי אויסגעצייכענטע פּראָדוק־טען וועלען אייך געבען דעם בעסטען פיינ־עפּעל קעיק וואָס איהר האָט ווען געגעסען. אָט איז די רעסיפּי:

4 טיי־לעפעלער פּוטער, ½ קאָפּע צוקער, 1 נומער 2 קען קריספּ־קאַט אָפּגעזייטע דאָול פיינעפּעל, 1 עס־לעפעל פיינעפּעל־זאַפט פון דער דאָול פיינעפּעל קען, ½ קאָפּע צעהאַקטע ניס, 6 מאַראַשינאָ קאַרשען צושניטען אין פערטלען.

צושמעלצט פּוטער אין אַ 9 ביי 9 אינטש פּאַן. נעמט אַראָפּ פון פייער. גיט צו צוקער און פיינעפּעל זאַפט. מישט גוט אויס. אויף דעם טוט אַרויף די ניס און די פיינעפּעל מיט די קאַרשען.

דעם קעיק מאַכט מיט אינסטענט סוואָן ראַון מיקס לויט די אָנווייזונגען אויף דעם פּעקעל פאַר אַ האַרוועסט ספּאַיס קעיק. גיסט עס אַרויף אויף דעם פיינעפּעל־געמיש אין דער פּאַן. באַקט אין מעסיגען אויוועון (350 גראַד) 40 ביז 45 מינוט. נעמט אַרויס פון אויוועון און לאָזט שטעהן 5 מינוט אָפּצוקי־לען. דרייט עס איבער אויף אַ טעלער. לאָזט עס שטעהן נאָך אַ מינוט איידער איהר נעמט אַראָפּ די פּאַן. סערווירט וואַרעם מיט וועהיפּט קריעם.

פּראָבירט דעם דאָזיגען קעיק היינט. איהר וועט זיך איבערצייגען, אַז עס איז ניטאָ קיין בעסערס ווי סוואָנס דאַון קעיק מיקסעס, וועל־כע זיינען געמאַכט מיט לויטער ווערדזשעטעי־בעל שאָרטענינג און זיינען כשר און פּאַרעווע, און דאָול פיינעפּעל— די בעסטע פון די טראָ־פּישע פּרוכטען. צוזאַמען איז דאָס אַ קאָמבי־נאַציע פון כשרות און גוטסקייט, וועלכע האָט צו זיך קיין גלייכען.

## אַ ברויט וואָס ווערט געמאַכט מיט די בעסטע באַשטאַנדטיילען

ברויט איז אַזאַ טאָג־טעגליכע שפּייז, אַז ניט יעדער שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ מינוט אַ טראַכט צו טאָן, וואָס אַזעלכעס ווערט אַריינ־געטאָן אין דעם ברויט, ווען עס ווערט גע־באַקען אין די מאָדערנע בעקערייען. און ווען מ'ניט יאָ אַ טראַכט וועגען דעם, מוז מען קו־מען צו דער איבערצייגונג, אַז ניט אַלע ברויטען זיינען גלייך.

נעמט, צום ביישפּיל, אַרנאָלד ברויט. אָט דאָס דאָזיגע פיינע קוואַליטעט ברויט איז פּאָפּולער געוואָרען אין אידישע היימען, ווייל עס איז געמאַכט פון דעם בעסטען וואָס מען קען נאָר קריגען. גוטע, פרישע און געשמאַקע טיש פּוטער, רייכע אייער געלעכלער. מילך. אמת'ער קובאַנער ביהנען־האָניג און ניט גע־בליעטשט מעהל — דאָס זיינען די באַשטאַנד־טיילען פון דעם וואונדערבאַרען אַרנאָלד ברויט.

אָבער בלויז גוטע באַשטאַנדטיילען זיינען ניט גענוג צו מאַכען אַ ברויט זאָל האָבען דעם היימישען טעם פון וועלכען מען דער־קוויקט זיך. די אַרנאָלד בעקער זיינען עקס־פּערטען און ספּעציאַליסטען ווען עס קומט צו צוזאַמענמישען די אַלע גוטע זאַכען כדי עס זאָל אַרויסקומען אַ ברויט וואָס איז אַזוי געשמאַק, אַזוי נאַרהאַפטיג און אַזוי גוט, אַז מען עסט עס מיט דער גרעסטער הנאה. אַפילו קינדער, וועלכע האָבען ניט שטענדיג גערן צו עסען ברויט, כאַפּען זיך צו צו אַר־נאָלד ברויט ווי עס וואָלט געווען אַ גוטער נאַש.

קויפט נאָך היינט אַרנאָלד ברויט. עסט עס ביי אייערע מאָלצייטען. מאַכט טעסט פון אַרנאָלד ברויט און איהר וועט אויסגעפינען אַ טעם וועלכען איהר וואָלט ניט געגלויבט, אַז מען קען עס קריגען פון אַזאַ טאָג־טעגליכען מאכל ווי ברויט. *)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

## נײַנצנטער קאַפּיטל

אין יענעם זונטאָג אין דער פרי האָט מען ביי די פינקעלשטיינס אין שטוב זיך געגרייט אויף לאַרי'ס וויזיט אינאיינעם מיט זיין מיידעל. אין דער אַלטמאָדישער קיך, מיט די פּאָליצעס שיינענדיגע טעפּלעך און פאַנען, איז מיסעס פינקעלשטיין, לאַרי'ס מאַמע, געווען שטאַרק פאַרהאַוועט מיט עס צוגרייטן דעם מיטאָג. זי איז געשטאַנען אין קיך, אָנגעטאָן אין איר גרויסן פאַרטוך און זיך געפאָרעט אַרום אויוון, וואו עס האָבן שוין געקאָכט און געזאָטן אַלערליי טעפּלעך.

אירע צוויי טעכטער, בעסי און מאַלי, לאַרי'ס עלטערע שוועסטער, שוין ביידע אויסגעגעבענע, זיינען געקומען צוגיין פאַר פרי, אַרויסצוהעלפן זייער מאַמען מיט דער אַרבייט. די מאַמע זייערע, מיסעס פינקעלשטיין, איז געווען אַ געוויקסיגע, אַ פולע, מיט ברייטע היפטן, נאָר אַ רירעוודיגע, און מיט אַ פלינקן טראַט, מיט אויגן שוואַרצע, און אַ קלוגן, שאַרפן בליק. און אירע טעכטער זיינען געווען אינגאַנצן געראָטן אין איר. אויך געוויקסיגע, שוואַרץ-חנ'עוודיגע און פלינקע.

די עלטערע, בעסי, האָט מיט אַ לעפל געמישט אייער און מעל אין אַ ריזיגער שיסל, אויף אויסבאַקן אַ טאָרט, און מאַלי, די אינגערע, האָט געשיילט מייערלעך און אַלערליי גרינסן פאַר דער „טשיקען-זופּ".

— לאַרעלע דאַרף שוין אינגיכן אָנקומען, — האָט מיסעס פינקעלשטיין אַ קוק געגעבן אויפ'ן קיך-זייגער, און זי האָט גענומען זיך אײַלן מיט דער אַרבייט.

— איך וואָלט שוין וועלן איר אָנקוקן, לאַרי'ס מיידעל, — האָט זיך אָפּגערופן בעסי.

— אונזער לאַרי וועט ניט אויסקלייבן אַבי-וועמען, — האָט די אינגערע, מאַלי, אויך אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

דער אמת איז, אַז לאַרי'ס אייגענע זיינען ניט געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר דער מיידעל, וועלכע ער האָט זיך אויסגעקליבן. זיי האָבן איר נאָך ניט געקענט. נאָר פון דעם, וואָס זיי האָבן געהערט וועגן איר דורך לאַרי'ן, זיינען ביידע שוועסטער געווען ניט שטאַרק צופרידן, און זיי האָבן געטראַכט, אַז זייער ברודער האָט געקענט טאָן אַ בעסערן שידוך. דאָך איז פאַר זיי גענוג געווען, אַז לאַרי האָט איר אויסגעקליבן און זיי דאַרפן איר גוט אויפנעמען און ליב האָבן.

די מאַמע לאַרי'ס האָט געשוויגן שטיל. עס איז איר אוודאי שווער געווען צו פאַרשטיין, וואָס האָט לאַרי אַזוינס געפונען אין דער מיידעל? אַז ניט פון קיין געוואַלדיגן יחוס און ניט מיט קיין געלט, סאַידען זי איז אפשר אַ גרויסע פאַרשוין.

זי איז אַוועק צו איר גרויסן קיך-טיש, מיט די אָנגעשטעלטע שיסלען און טעפּ, און זי האָט זיך פאַרטאָן אין איר אַרבייט. דאָ איז איר אַלץ געווען קלאָר און זי האָט געוואוסט וואָס זי דאַרף טאָן. די קינדער אירע וועלן אַלע באַלד אָנקומען מיטאָג-עסן.

זי האָט פאַר זיי אָנגעגרייט אויף היינט געשמאַקע מאכלים. זי איז צוגעגאַנגען צום אויוון און אויפגעהויבן די דעקעל פון אַ זידענדן טאָפּ. אַ הייסע פּאַרע האָט איר אַ שלאָג-געטאָן אין פּנים.

„די טשיקען, איז שוין ווייך", האָט זי צו זיך גערעדט, און מיט אַ גאָפּל אַריינגעשטאָכן אין אַ פּאָלקע-הון.

זי האָט אויפ'ן קאָפּ געגעבן אַ רעכען-אויס וויפיל מענשן זי וועט היינט האָבן צום מיטאָג, אַז עס זאָל סטאַיען גענוג פאַרציעס פאַר אַלעמען. ס'דאַרפן נאָך קומען אירע צוויי איידעמס, בעסי'ס מאַן און מאַלי'ס מאַן. איר עלטערער זוהן מיט דער ווייב, און לאַרעלע מיט זיין מיידעל. „אַ מענשען צען-עלף", האָט זי אויפגערעכנט.

עס איז אַריינגעפלויגן אין קיך די אינגסטע מיידעל אירע, די מיזינקע, שוירלי, אַ האַי-סקול מיידעל, פופצן יאָר אַלט. זי האָט נייגעריג אַרומגעקוקט וואָס דאָ טוט זיך אָפּ.

— המ... „איט סמעלס גוד", — האָט זי אויסגעשריען, — קען איך מיט עפּעס העלפן, מאַ?

— העלפן? — רופט זיך אָפּ מיסעס פינקעלשטיין, די מאַמע — דו וועסט מיר נאָך אויסמישן די געפעס, די מילכיגע מיט די פליישיגע. מער פעלט מיר ניט.

— איך האָב דיר שוין ווען-עס-איז אויסגעמישט, מאַ? — פּראָטעסטירט זי, שוירלי.

— נו, גוט. נאַ, צעשנייד מיר די ציבעלעס, — גיט איר די מאַמע אַן אַרבייט. — מען וועט צעהאַקן די לעבערלעך מיט אייער, וועל איך האָבן פאַר אַ פאָרשפּייז.

דער אַלטער נעיטען פינקעלשטיין, לאַרי'ס טאַטע, האָט זיך אַרומגעדרייט איבער'ן שטוב זייער צעטראָגען. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ער איז עטליכע מאָל אַריין און אַרויס פון קיך. און די ווייב זיינע, מיסעס פינקעלשטיין, האָט אויף אים אָנגעשריען:

— וואָס דרייסטו זיך אַרום? ניי אויף גיך און טו זיך איבער. לאַרעלע וועט שוין באַלד אָנקומען.

זי איז אַוועק און אַרויסגענומען פאַר אים אַ שיינע, ווייסע העמד און אָנגעגרייט פאַר אים דעם גוטן אַנצוג מיט אַ שיינעם שניפּס.

לאַרי און עלינאָר זיינען אינגיכן אָנגעקומען. און די מאַמע האָט אויף גיך געגעבן אַ ווייש-אָפּ אירע הענט מיט אַ האַנטוך און זי איז אַרויס אין דאַיינינג-רום, וואו די געסט, עלינאָר און לאַרי, זיינען געשטאַנען און געוואַרט.

— דאָס איז עלינאָר, מאַ. און דאָס איז מיין מאַמע. — האָט לאַרי אויסגערופן אין אַ געהויבענעם טאָן.

עלינאָר האָט דער מאַמען געדריקט די האַנט, און מיסעס פינקעלשטיין האָט נאָר איין שנעלן קוק געגעבן אויף איר. ווי עס ווייזט אויס, איז עלינאָר איר אויפ'ן ערשטן בליק געפעלן געוואָרן. זי האָט פאַרגעסן אַז אירע ספקות וועגן איר צוקונפטיגער שנור, און אין איר קול האָט זיך געפילט אַ וואַרעמקייט, ווען זי האָט אַרויסגערעדט:

— איר זענט וועלקאַם צו אונזער שטוב, מיס...

עלינאָר'ן איז באַלד גרינגער געוואָרען אויפ'ן האַרצן. זי האָט אין געדאַנק זיך פאַרגעשטעלט, אַז לאַרי'ס מאַמע דאַרף זיין אַ שטרענגע און אַ בייזע. ערשט זי זעט, אַז זי נעמט זי אויף אַזוי פריינדליך.

דער טאַטע לאַרי'ס, נעיטען פינקעלשטיין, האָט אָפּגעגעבן עלינאָר'ן אַ ברייטן שלום-עליכם, און זיינע שטענדיג מוטנע אויגן האָבן איצט געלויכטן ליכטיג.

— גוט, גוט, וואָס דו ביזט געקומען. — האָט ער געזאָגט אַ צעוואָרימטער.

— יע, איך האָב שוין לאַנג געוואָלט קומען, זיך באַקענען מיט אייך. — האָט עלינאָר געזאָגט.

זע נאָר, זי קען דאָך רעדן אידיש! — האָט נעיטען פינקעלשטיין זיך דערפרייט.

— יע, איך קען. מיין טאַטע האָט מיך אויסגעלערנט. — איז געווען עלינאָר'ס ענטפער.

ביידע שוועסטער לאַרי'ס, בעסי און מאַלי, זיינען צוגעגאַנגען צו עלינאָר'ן.

— האַו דו יו דו. — האָבן זיי זיך מיט איר באַגריסט, און אין דער זעלבער צייט דורכגענומען איר מיט זייערע בליקן.

לאַרי איז געשטאַנען און געקוקט די גאַנצע צייט. אים האָט זיך געדוכט ווי עלינאָר האָט שוין אויסגענומען ביי זיין פאַמיליע, און ער האָט אין האַרצען זיך געפרייט. נו, איצט וועט אַלץ זיין גוט, האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

שוירלי, די אינגסטע שוועסטער לאַרי'ס, איז געשטאַנען אָן אַ זייט און געוואַרט מען זאָל זי באַקענען מיט עלינאָר'ן. און לאַרי האָט איר אָנגענומען פאַר דער האַנט און זיך אָפּגערופן:

— דאָס איז שוירלי, דער מאַמע'ס מיזינקע. באַסן זיך מיט איר, עלינאָר.

— זי איז געראָטן אין דיר, לאַרי. — האָט עלינאָר געשמייכלט, אָנקוקענדיג די שוואַרץ'חנ'עוודיגע שוירלי.

— טוט-אויס די מאַנטלען, קינדער. — האָט די מאַמע זיך געכאַפּט, און זי איז אַליין אַוועק צוריק אין קיך, פאַרענדיגן דאָס צוגרייטן דעם מיטאָג.

באַלד זיינען די אַנדערע קינדער אָנגעקומען, בעסי'ס מאַן, מאַלי'ס מאַן און לאַרי'ס עלטערער ברודער מיט זיין פרוי און צוויי קליינע קינדער, מיידעלעך ביידע. בעסי'ס מאַן איז געווען אַ לאָיער, און מאַלי'ס מאַן איז געווען אַן אַקאַונטענט, אַ בוכהאַלטער, און ער האָט געאַרבייט פאַר אַ גרויסער ביזנעס-פירמע. דער עלטערער ברודער לאַרי'ס איז געווען אַ דראַגיסט מיט אַן אייגענער דראָג-סטאָר. זיי האָבן אַלע אויסגעזען גוט-איינגעאָרדנטע און צופרידענע מענשן, און זיי האָבן זיך צו עלינאָר'ן פאַרהאַלטן מיט פריינדשאַפט, פשוט און אָן שום צערעמאָניעס. און דאָס איז אויך געווען גוט.

עס האָט לאַרי'ן גענומען אַ סך צייט ביז ער האָט זיי אַלעמען באַקאַנט. עלינאָר איז געווען ווי אין אַ פאַרלעגנהייט. זי האָט ניט-ווילענדיג צוגעלייגט איר האַנט צום שטערן, ווי זי וואָלט וועלן פאַרגעדיינקען, און ניט איבערמישן די נעמען פון זיי אַלעמען.

— איך האָב נאָך אַ ברודער אין שיקאַגאַ, — האָט לאַרי נאָך צוגעגעבן, — ער האָט אַ ביזנעס דאָרטן און ער וואוינט דאָרטן מיט זיין פאַמיליע.

— אַ! — האָט עלינאָר אַ לאַך געטאָן, אַ ביסל אַ פאַרלאָרענע.

— קום, זעץ זיך, עלינאָר. — האָט לאַרי זי צוגעפירט צו דער סאָפע, און ער האָט אַליין אויך זיך צוגעזעצט.

(ווייטערס — מאָרגן)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

עלינאר'ס קומען אהער האט גע־מאכט אויף אלעמען אן איינדרוק. אי־בערהויפט אויף די מאנסלייט. זי האט זיך געהאלטען צוריקגעצויגען, רעזערווירט. צוליב דער אומזיכער־קייט אירער ווי אזוי מען וועט איר דא אויפנעמען. איר מאט־בלייכער פנים איז געווען פארצויגען מיט א ראזקייט. זי איז געווען שיין, מיט אן אידעלער שיינקייט אין איר בלייד־גרינעם קלייד, די געלאקטע, ברוינע האר, און מיט גאר־ווייניג „מעיק־אפ". און יעדערער האט, פון נייגעריגקייט, געוואלט צו איר אויסריידען א פאר ווערטער.

עס איז אוועק די אנגעצויגענקייט פון אן ערשטער באגעגעניש. פריי און פשוט האבען זיך דא איצט אלע גע־פילט, מיט א היימישער, ווארימער לופט. עלינאר'ן האבען זיי אלע אויס־געזען גוטע, הארציגע מענשען, א פאטריארכאלע פאמיליע, שטארק צו־געבונדען איינע צו די אנדערע. עס איז דא א חיים, א ריכטיגע היים.

שוירלי, די אינגסטע שוועסטער לארי'ס, די הא־סקול מיידעל, האט זיך צוגעזעצט צו עלינאר'ן. זי האט נייגעריג באקוקט איר גאנצען אויס־זען און איר אנטאן, און זי האט זיך אפגערופען:

— לארי האט מיר געזאגט, אז איר זענט א טיטשער, א לערערין אין א סקול.

— יעס, שוירלי. — האט עלינאר איר א גלעט־געטאן פאר דער האנט.

— איך וואלט געוואונשען, אז איר זאלט זיין מיין טיטשער.

— פארוואס עפעס איך, שוירלי? איז דיין טיטשער ניט אזוי גוט?

— יעס, נאר איר וואלט געווען נאך בעסער. — האט שוירלי מיט אנטצי־קונג ארייגעקוקט עלינאר'ן אין די אויגען.

— לאז עלינאר'ן זיך אפרוען א ווילע, שוירלי. — האט לארי, א פריי־ליכער, צו איר זיך געווענדעט.

— א, ניין, איך בין ניט מיד. — האט עלינאר אויך גערעדט מיט א גרינגען געמיט.

אלע זיינען דא געווען גוט צו איר און פריינדליך. אויסער אפשר דער יונגער מיסעס פינקעלשטיין, די פרוי פון לארי'ס עלטערען ברודער, דעם דראגיסט. זי איז געווען אן אמערי־קאנער־געבארענע, א הויכע און א דיי־נע, האט זיך געהאלטען ווי אן אריס־טאקראטקע און האט זיך אויף אלעמען געבלאזען. אבער עלינאר'ן האט דאס ניט געארט, און זי האט זיך אויף איר ניט אומגעקוקט. אויב בלאזען זיך, האט זי, עלינאר, דאס אויך געקענט טאן.

די צוויי שוועסטער, בעסי און מא־לי, האבען אין עס־צימער צענומען דעם גרויסען דעמבענעם טיש מיט די צוויי „פליגלען" און אוועקגעשטעלט אים לענג־אויס דעם צימער, און פאר־שפרייט מיט א ווייסען טישטוך. די עלטערע, בעסי, איז שוין באלד גע־ווען ווי די מאמע — א פולע, מיט ברייטע היפטען, נאר פלינק און גע־שיקט; די אינגערע, מאלי, איז גע־ווען א שיינהייט, שווארצ'חנ'עוודיג, מיט קאכיגע, שווארצע אויגען. זיי האבען ביידע גענומען אויסשטעלען אויפ'ן טיש די „סעטס" טעלער, און לעפעל, און גאפעל־מעסער פאר יעדע־רען באזונדער. זיי האבען צעפעפנט די טירלער פון דעם מאסיווען, גע־שניצטען בופעט און ארויסגענומען פון דארטען גלעזער, און שאלען, און נאך אלערליי געפעסען.

— קומט, זעצט זיך צום טיש, לא־רי און מים... — האט די עלטערע שוועסטער גערופען.

— עלינאר איז מיין נאמען. רופט מיך עלינאר. — האט זי געוואלט ווע־רען דא היימיש.

איצט זיינען אלע געזעסען ארום טיש געמיטליך און פרייליך. דאס עסען האט פארשמעקט די שטוב. עלינאר איז געזעסען אויבענאן. פון איין זייט איז לעבען איר געזעסען לארי, און פון דער צווייטער זייט — די מי־זינקע, שוירלי. אזוי האט זי געוואלט, שוירלי. זי איז פון עלינאר'ן דעם גאנ־צען אווענט ניט אפגעטראטען און נאר געקלעפט צו איר.

מיסעס פינקעלשטיין, די מאמע, איז געשטאנען אין קיך און אויסגעטיילט דעם עסען פון די טיפע טעפ און דער־לאנגט אלץ צום טיש מיט אירע ארער־דיגע הענט, און וועלכע עס איז גע־לעגען געטריישאפט און ווארעמקייט. א צעהיצטע און א פארהאווטע האט זי אלע וויילע צוגעטראגען צום טיש א נייעם מאכל, וואס די קינדער האבען באגעגענט מיט א פארגעניגענדי־גען „א!" אלץ איז ביי איר געגאנ־גען פלינק פון דער האנט. און ס'האט אויסגעזען, ווי באדינענדיג די קינדער, איז איר אליין אויך צוגעקומען פריי־שע כוחות. בעסי, די עלטערע טאכ־טער, האט געהאלפען דער מאמען מיט צוטראגען אלץ צום טיש.

די מאמע לארי'ס האט אין זינען געהאט פאר יעדערען באזונדער זיין מאכל:

— דאס איז פריקאזי פאר דיר, — האט זי געזאגט צו לארי'ן, — דו האסט דאך דאס ליב.

— און פאר אייך? — האט זי זיך צוגעבויגען צו עלינאר'ן, — וואס פאר א פארשפייז וואלט איר וועלען? איך האב געהאקטע לעבערלעך אויך.

— זארג זיך ניט, מא, — האט לארי א לאך געטאן, — ’זי עסט אליץ, עלינאר.

דער עולם ביים טיש האט מיט גרויס הנאה געגעסען דעם געשמאקען מאל־צייט, און מיט דער זעלבער הנאה האבען זיי אלע איניאיינעם גערעדט און זיך איינע די אנדערע איבערגע־שלאגען. מען האט פארגעסען די דרויסענדיגע זארגען און האוועניישען זייערע, נאר פרידליכקייט האט גע־הערשט ארום אלעמען. מען האט גע־פילט זיך היימיש דא, אין דעם הויז, וואו מען איז געבארען און ערצויגען געווארען. באלד האט מען זיך גענו־מען וויצלען מיט ווערטלעך אויף ענג־ליש, וואס האבען פארמאגט דעם אי־דישען טעם.

לארי איז געווען אויסגעבייגקט נאך א היימישען מאלצייט. וואס ער האט איצט זעלטען געהאט, זייענדיג אין קאלעדזש, ווייט פון דער היים, און ער האט איצט געגעסען מיט גרויס הנאה. און מאריס, דער עלטערער ברודער לארי'ס, האט איצט, לאבענ־דיג, אים דערמאנט, ווי די מאמע האט שטענדיג איבערגעלאזען די בעסטע ביסענס פאר אים, איר ליבלינג.

— כאפ זיך ניט צו אזוי, לארי. — האט ער מיט זיין ברודער זיך א רייץ געטאן.

הענריעטא, מאריס'עס ווייב, איז געווען א גרויסהאלטערין און זי האט זיך געהאלטען אנגעצויגען. כאטש איר מאן האט געהאט א דראג־סטאר און האט גוט פארדינט, האט זי דאך אנגעהאלטען איר שטעלע פון מיידעל־וויז, אלס לערערין אין א סקול. זי האט ניט ליב געהאט צו פארנעמען זיך מיט באלעבאטישקייט און זי האט געהאלטען א' דינסט צו אירע צוויי קינדער. די צוויי מיידעלעך אירע, שיינינקע און שטיפערקעס, זיינען אויך דא ביים טיש געזעסען. זיי הא־בען זיך געשפילט מיט זייערע פאר־ציעס און ניט געגעסען, און חענ־ריעטא האט זיך אפגערופען צו איר מאן:

— מארי, זע אז זיי זאלען עסען, די קינדער.

מיסעס פינקעלשטיין, די מאמע לא־רי'ס, האט זיך אוועקגעזעצט לעבען אירע אייניקלעך און זי האט גערופען צו דער אינגערער מיידעלע:

— קום, וויוויען, צו דער באבע'ן אויפ'ן שויס. איך וועל דיר אנקאר־מענען.

און וויוויען האט איר געפאלגט און זיך געזעצט. די קינדער האבען ליב געהאט דער באבען און איר שטוב, וואו מען האט זיי געפיעסטשעט און זיי האבען אלץ געקענט אויספירען.

עלינאר האט געקוקט מיט גרויסע אויגען אויף דער גרויסער, צעוואקסע־נער משפחה. זי האט געהערט זייער הילכיגען שמועס און זי האט ניט ווי־לענדיג א קלער געטאן צו זיך אליין. וועט זי זיך קענען ארייגפאסען צווי־שען זיי? וועלען זיי איר אריינעמען צו זיך ווי א גליד פון זייער פאמיליע, אדער זועלען זיי איר אפשטויסען פון זיך?

(ווייטערס — מארגען)

# דער שאטען פון פאַשיזם איבער אייראָפּע

(שלוס פון עדיטאָריעל פּעידזש)

מאקראטיע בלויז פאר איין צוועק — צו ברעכען די דעמאקראטיע, אונטער־צוגראבען זי פון אינווייניג און צו דער־פירען זי צו אונטערגאנג אין די אינ־טערעסען פון מאסקווע.

דער קאמף געגען די קאמוניסטישע „פינפטע קאלומס" איז צוליב דעם זייער א שווערער. און ער איז נאך שווערער צוליב דעם, וואס דער „פינפ־טער קאלום" באשטייט ניט נאר פון מיטגלידער פון דער קאמוניסטישער פארטיי אליין, נאר אויך פון א פיל גרעסערער צאל „מיטלויפער", וואס זיינען כלומרשט „אומפארטייאישע" ליבעראלען, אדער ראדיקאלען, און זיי פארבלענדן בלויז די אויגען מיט זייער געמאכטער „אומפארטייאישקייט". אזוי איז עס אין פראנקרייך, אזוי איז עס אין איטאליע און אין דייטשלאנד, און אזוי איז עס אויך דא, אין אמע־ריקע.

אין די אייראפעאישע לענדער הא־בען די קאמוניסטען באוויזען צו שא־פען פאר זיך פארבינדעטע און שותפים אין די לינקע סאציאליסטען, וואס זיי־נען פאקטיש שענדליכע נאכשלעפער נאך די קאמוניסטען און וואס ווערען פארצוקט און איינגעשלונגען פון דער קאמוניסטישער פארטיי גלייך נאכדעם ווי די קאמוניסטען קומען צו דער מאכט.

פון אויבען־אויף קען זיך אזוי אויס־דוכטען, אז די לאגע אין אייראפע איז איצט אפשר א האפנונגסלאזע צוליב די דארטיגע פארטעטערישע „פינפטע קאלומס". אבער אין דער אמת'ן איז די לאגע דארטען איצט א סך בעסער ווי זי איז געווען מיט א פאר יאר צו־ריק. די רעגירונגען אין איטאליע און פראנקרייך זיינען איצט פעסטער און זיכערער ווי זיי זיינען געווען פריער. אמעריקע'ס הילף האט געשטעלט די ביידע פרייע לענדער אויף די פיס, אויב נאך ניט אין א פולער מאס איז יערענפאלס אויף אזוי פיל, אז זיי קע־נען שוין איצט אפשלאגען מיט ער־פאלג די קאמוניסטישע אטאקעס. און דייטשלאנד איז נאך אויך ווייט ניט אונטער א קאמוניסטישען שטארקען איינפלוס. דער ברייטער עולם פון די אלע לענדער האט שוין פריער געהאט א געלעגענהייט צו איבערצייגען זיך וואס עס מיינט קאמוניזם, און קוקט שוין איצט מיט פאראכט און אומ־צוטרוי אויף די איצטיגע קאמוניסטי־שע חנ'דלעך און לאזונגען.

פונדעסטוועגען טאר מען ניט פאר־קוקען די ערנסטע קאמוניסטישע גע־פאר, וואס לויערט איבער אייראפע. און מ'דארף שטענדיג געדיינקען, אז הינטער דער קאמוניסטישער געפאר ליגט אויך די פאשיסטישע געפאר. די פאשיסטען אין אייראפע זיינען דער־ווייל צו־שוואך אליין צו פארכאפען די מאכט, אבער זיי האפען עס צו דער־גרייכען מיט דער צייט דורך קאמו־ניסטישע אוואנטורעס, וואס וועלען שאפען פאר זיי א גינסטיגען באדען.

דער פינסטערער שאטען פון פא־שיזם טראגט זיך איצט איבער איי־ראפע, און ער שוועבט אין דער לופט איבער די אלע קאמוניסטישע דעמאנ־סטראציעס, סטרייקס און אומרוען. און די דעמאקראטישע וועלט מוז זיך מיט אלע מעגליכע מיטלען פארהיטען פון דעם געפערליכען צווילינג פון דער רע־אקציע — פון קאמוניזם און פאשיזם.

# ישראל און דאָס אַמע־ריקאַנער אידענטום

(שלוס פון עדיטאָריעל פּעידזש)

דערצו? מיר שיינט, און אלע קלאר־דענקענדיגע אידען מוזען אזוי מיינען, אז דאס „ניט דערלאזען" איז אן גע־זינטער אי בילינגער.

איך מאך דא אסור ניט קיין שום פראפאגאנדע. קיינער האט מיך דער־צו ניט באפולמעכטיגט. דער געדאנק פון זעלבסט־באשטייערונג איז ביי מיר אויסגעוואקסען אויפ'ן גרונט פון א מאסע אבסערוווירונגען אין לאנד ישראל גופא.

ווי אזוי די זעלבסט־באשטייע־רונג זאל אנגעהן און וויפיל — דערצו קענען צולייגען א האנט אידען, וועלכע זיינען באהאווענטער אין פינאנציזאכען. איך מיין, אז מיט א גוטען ווילען קען עס ארויפגעלייגט ווערען אויף אידישע קיבוצים, אין אלע לענ־דער, לויט'ן ווערט פון זייערע ארטיגע דעוויזען, לויט'ן סאציאלען שטאנד פון יעטווידערן זעלבסט־באשטייערער, פון צוויי פראצענט ביז צען פון אלע פארדינסטען.

אין דער דאזיגער אויפגאבע אין דער ערשטער שורה שטעהט דאס אמע־ריקאנישע און ארגענטינישע אידענ־טום. און ניט דערפאר אליין ווייל זיי זיינען רייכער און אנגעזעענער און געזינטער אויף דער גאנצער וועלט, נאך די קראנקע רעשטען וואס זיינען אונז איבערגעבליבען אין פוילען־רוס־לאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד, נאך דעם גרויסען אויסראטונג־אומגליק, — נאר אויך דערפאר, ווייל זייער אנזען אין אמעריקאנער קאנטינענט קען און וועט זיך שטיצען אויף א שטארקער און אנגעזעענער מדינת ישראל.

פרעזידענט חיים ווייצמאן האט איינמאל געזאגט אויף א ציון־קאנ־גרעס: אז א מענש וואס האט אן איי־גענעם ווארימעם אין זיין חיים, ווערט אפטער און בכבוד'יגער איינגעלאדען צו פרעמדע טישען, און ער נעמט דאס אן לייכטער און זיכערער, ניט־קבצנ'יש, ווייל... ער ווייסט, אז ער וועט דאס קענען אפגעבען זיינע איינ־לאדער אויפ'ן זעלבען און אויך אויף א שענערען אופן. דאס ווארט איז נאך אקטועל ביז צו היינטיגען טאג, אפשר נאך אקטועלער ווי ביז דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה. נאר וועגען דעם און וועגען אמעריקאנישען אידענ־טום בשעת און נאך דער מלחמה — מער אויספירליך אין דעם נעקסטען בריף.

# אידישע מלחמה־וועטעראַנען קעמפען פאַר פאַרלייכטערטע אימיגראַציע־געזעצע

(שלוס פון פּעידזש 6)

אנגעהאלטען דעם פאסטען ביז 1941. נאך פּוירל הארבאר האט ער גענומען אורלויב פון זיין רעגירונגס־פאסטען און ער האט זיך אנגעשלאסען אן דער ארמיי, וואו ער האט געדינט פאר פיר יאר. ער איז דערהויבען געווארען צום ראנג פון מעידזשאר. אין 1945 איז מר. האלץ באפרייט געווארן פון דינסט און ער האט זיך צוריקגעקערט צום פאסטען פון אסיסטענט יונאיטעד סטעיטס אטוירני.

— איך האב געמאכט דארט א רע־קארד: פאר דער גאנצער צייט וואס איך האב אנגעהאלטען דעם אמט, האב איך ניט פארלוירען קיין איינציגע קעיס וואס איך האב געפירט, האט מר. האלץ דערציילט.

מיט עטליכע יאר צוריק האט מר. האלץ פארלאזען דעם אמט אין יונאי־טעד סטעיטס אטוירני'ס אפיס און ער האט זיך גענומען צו פריוואטער לאא־פּראקטיק. ער איז איצט א לאא־פארט־נער מיט דזשאדזש דעיוויד א. ראוז פון באסטאן. זיי האבען א לאא אפיס אין 85 דעוואנשאיר סטריט, באסטאן.

מר. האלץ גיט זיך אפ מיט א סך געזעלשאפטליכער ארבייט, און ער בא־לאנגט צו א צאל ארגאניזאציעס. ער איז א מיטגליד פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע פון דארטשעסטער ציון־דיסטריקט און פון די „ביג בראדערס", און א צאל אנדערע.

„זינט מ'האט מיך ערוויילט אלס נאציאנאלען קאמאנדיר פון די אידישע מלחמה־וועטעראנען, ביי דער קאנווענ־שאן אין מיאמי, אין יאר 1949, האב איך זייער ווייניג צייט אפצוגעבען זיך מיט מיין לאא־פּראקטיק. כ'דארף כסדר ארומפארען איבער'ן לאנד אין די אינטערעסען פון דער וועטעראנען ארגאניזאציע", האט מר. האלץ בא־מערקט מיט א שמייכעל.

מיט א קורצער צייט צוריק האט ער באזוכט קאליפארניע, וואו ער האט זיך געזען מיט א סך פירער פון דער מאוווי־אינדוסטריע. ער איז איצט גע־קומען קיין ניו יארק צו העלפען אראנ־זשירען א דינער פאר'ן מאוווי־מאגנאט לואי ב. מעיער, וואס וועט פארקומען אין וואלדארף אסטאריא האטעל דעם 12טען אפריל.

„די אידישע מלחמה־וועטעראנען וועלען ערען מר. מעיער'ן און די גאנצע מאוווי־אינדוסטריע פאר מאכן מאוויס וואס העלפען באקעמפען ראסען־פאר־אורטיילען און פארשפרייטען אמערי־קאניזם. איך מיין אזעלכע מינים מאוויס, ווי „דזשענטעלמען'ס אגרי־מענט" און אנדערע עגליכע ערנסטע מאוויס. די „דזשואיש וואר וועטע־ראנס" וועלען געבען מר. מעיער'ן א גאלדענעם מעדאל, וואס מיר רופען „מעדאל און מעריט", האט מעידזשאר האלץ ערקלערט.

# צוזאַמענקונפט פון ווילנער רעליף מאָרגען, זונטאָג אווענט, אין „פאָרווערטס" בילדינג

מארגען, זונטאג, 26טען מארטש, 6 אזייגער אין אווענט, וועט פארקומען א צוזאמענקונפט פון ווילנער פרויען רעליף, אין „פארווערטס" בילדינג, 175 איסט בראדוועי, ניו יארק. די האסטעסעס: סערע לעווין, ראוז אסאווסקי, ראוז לעווין און זינא שטיין גרייטען צו רעפרעשמענטס. דער פּראָ־פיט גייט פאר בויען א הויז אין ישראל אלס דענקמאל נאך די מארטירער פון דער ווילנער געטא.

ווילנער לאנדסלייט זיינען ספעציעל געלאַדען.

# דער פעטער פון אַמעריקע

(שלוס פון פּעידזש 2)

מען וויל פארען, דארף מען נישט קא'
— ווי רופט איר דאס? — א סערטי־פיקאט. ביי אונז איז אלץ פריי. דאס איז אמעריקע.

— און אז פריי, איז וואס? מיין ווייב איז נעבעך שלאף — ווער ווייסט ווי לאנג זי'ט אנטרייבען — און דאס לויפט. זי'ט פאר איר געשטערקט ס'לעבען. טאקע פשוטו כמשמעו. דאס מיט דער אינגערער איז גאר א צרה... וואס טוט מען, הא? נאך מיטאג וועלען מיר כאפען א שמועס. מיר'ן אראפגיין אין גאס. איך האט דאך צייט, הא?

— כ'האב דא גארנישט וואס צו טאן.

— א לוסט־רייזע, הא?...

— כ'האב דא אין פוילען קרובים. איר'ט פיליכט געהערט פון ציוזקעוו?

— ציוזקעוו? דוכט זיך יא. וואו איז דאס ערגעץ? נעבן הרובעשויוו?

— נישט ווייט.

— כ'קאן, כ'ווייס. די גאנצע גע־גענד. איזשביצע שטעקט אויך דארט, הע? די איזשביצער בלאטעס האבען א שם. אין וואנוועליוו ווידער לייענט מען די מגילת שושן־פורים. פאראן דארט א פיצעלע שטעטעלע, טישעוויץ. זאל דארט האבען געבוירען געווארען משיח־בן־יוסף...

דער העברעאישער לערער האט זיך צעשמייכעלט שעמעוודיג און וואוי־לעריש.

— איך זע, הער קליינמינץ, אז איר זענט א משלנו'דיגער.

— וואס זעט איר? ביזט געיוען אין הימעל און געזען, אז ס'איז נישטא קיין גאט? כ'האב אליין אויך גע־לייענט אייערע ביכער. דארווין־שמארווין, עטער־שמעטער. ס'איז נישט ווערט קא'ן אויסגעבלאזען איי. א גאנץ לעבען האב איך נאר געהאט וויכוחים. פאר מיין טאטען עליו השלום בין איך געווען דער אפיקורס. אז כ'האב געזאגט, אז כ'גלויב נישט אין קראשניקער דיבוק, האט ער מיר דערלאנגט א פאטש, אז כ'האב געזען קראקע. ער איז געווען א גורער חסיד. ער איז נאך געפארען צום חידושי הרי"ם. אז כ'בין געווארען עלטער און מיינע טעכטערלעך זענען אונטער־געוואקסען, האט זיך אנגעהויבען א סדרה מיט דיסקוסיעס. די אינגערע איז אינגאנצען אראפ פון דרך־הישר. די עלטערע, פאניע, דיין „כלה", האט גלאט געהאט טענות צו דער וועלט. זי איז פון קינדוויז אן א גרויסער בעל רחמנות. ווען זי איז אלט געווען זעקס יאר און די מוטער האט איר געבראכט א הוהן צו שלאגען כפרות, האט זי געמאכט א געשריי, אז די שטוב איז געגאנגען אויף רעדער. זי האט געהאט רחמנות אויף דער היהן. ס'איז געווארען אזא בהלה, אז מ'האט געמוזט מאכען אן עק צו דער גאנצער צערעמאניע. ס'איז טאקע נאריש אויך. דער ט"ז זאגט, אז ס'איז מדרכי־האמורי, געצענדינסט הייסט עס. יעדען מאנטאג און דאנערשטאג איז זי געווארען א וועגעטאריערין. צו־להכעיס, האט זי ליב א שטיקעל פלייש. דערנאך האט זי זיך ערגיין אנגע־לייענט מיט די קריסטליכע שמאנ־צעס. ליבע שמיבע. הן פרעדיגט אויפ'ן בארג. זי איז געקומען צו לויפען אהיים — זי וויל, חלילה, אויס־בייטען ס'רענדל. ס'איז אלץ שטי־מונגען. נאר טאטע־מאמע זיינען גע־ווארען אויסגעריסען. צו קלוג, דאס איז זייער חסרון. אלץ ווייל דאס פאר־שטיין מיט'ן שכל. כ'האב געוואלט זי זאל שטודירען דאקטאריע, האט זי מורא געהאט פאר די מתים. א דאק־טאר דארף פאלמעסען. קיין גאט איז נישטא, נאר א טויטער קאן קומען ווערגען. ווי איך קוקט זי אן, מיסטער וועגגראוועער, האט זי א טבע פון חליש'ן. זי טוט א פאל אוועק און איז, חס ושלום, פארביי. בחורים זענען איר נאכגעלאפען. מ'האט זיך פאר איר אומגעבראכט. נאר זי האט זיך אנ־געטשעפעט אין דעם זדזשיסלאוו עלבע. עפעס א קלייניגקייט, די ליבע! כ'וויל נישט רעדען, ר'עט דאך באלד זיין מיין איידעם. נאר וואס אים פעלט זאל מיר צוקומען. דערנאך האט די לענא זיך ארייגעלאזט אין ראטעווען די וועלט. אז יענע זאגט קלאין, מוז די זאגען בוידעם. דאס איז געווען ביי זיי א כלל. מ'האט צוויי שטיקלעך קינדער — צוויי פון פינף געבליבען — און דאס זענען זיך דם שונאים. ס'הייסט, געטריי איז מען זיך יא. אז מ'האט יענע איינגעזעצט, האט זי צוגענומען ביים חתן דעם לעצטען גראשען אויף קויציע. אבער באלד צו־מארגענס האט מען זיך שוין ווידער געפיקט. מילא איך יאך איך. כ'בין בטבע א סבלן. נאר מיין פרוי נעבער איז אונטערגעגאנגען. אקעגען וואס זאג איך עס, הא? יא, ס'איז דא א גאט. נישט מער, ער פירט אונז אויף צופוקעניש. איך רויכערט, הא?...

קיינער האט נישט געענטפערט. יאקאב קליינמינץ האט ארויסגענו־מען פון הויזען־קעשענע א זילבערנע טאבאק־פושקע און פארדרויכערט א פאפיראסל. ער האט געטאן א ציה און עפעס ווי פארגעסען ארויסצולאזען דעם רויך. א קליין קייקעלע רויך האט זיך געקנוילט ביים לינקען נאזלאך. איין אויג האט געקוקט צום פענסטער, דאס אנדערע — צו דער טיר. די חא־ריגע אויערען האבען זיך צוגעהערט, ווי צו ווייטע שארכען. דער געוועלב־טער שטערן איז געווען פול מיט קנייי־טשען, ווי ווירעם אויף פארמעט. ער האט אויפגעהויבען די צעשויבערטע ברעמען, פול מיט הכל־הבלים'דיגען ביטול.

— ווי שפעט איז, הא? נעמט א קיכעלע. וואס קאן דא זיין?...

(ווייטערס — קומענדיגען שבת)

# אַן אינטערוויו מיט'ן פרילינג

(שלוס פון עדיטאָריעל פּעידזש)

ערפארענע, זיי קענען דיך, לאזען זיך מער ניט בלאפען.

פרילינג: — ניט אלע. פאר־ראן א סך אלטע וואס עס בלאזט זיי נאך פרילינג אין הארץ.

ער האט מיך ארייינגעפירט אין א מושב זקנים. ער האט מיר אנגעציייגט אויף א מאן פון 90 און א פרוי פון 80.

— דו זעסט — האט מיר דער פרי־לינג געציייגט — ווי זיי קוקען זיך אין די אויגען אריין פול מיט ליבע? אט גלעט ער איר האנט און זי גלעט זיין האנט. ביי זיי ביידע איז דא פרילינג אין הארץ. עס וועט ביי זיי אין קור־צען זיין א חתונה.

איך: — און נאך דער חתונה, וועלען זיי זיך אויך קריגען.

פרילינג: — מסתמא יא. פאר־וואס זאלען זיי זיין אנדערש ווי אנדע־רע? נאך אלעמען זיינען זיי ביידע פארשידענע כאראקטערע. ניט מער, וואס זיי האבען מיך, דעם פרילינג, אין הארץ. דער פרילינג רעדט אין זיי. ס'וועט קומען זומער, ווינטער — ווע־לען זיי זיך צוקריגען.

דער פרילינג האט מיר ווידער אנ־געוויזען אויף אן אנדער אלט פאר פאלק. ער לויפט איר נאך, זעצט זיך וואו זי זעצט זיך און זי אנטלויפט. ענדליך זיצען זיי ביידע.

פרילינג: — הער זיך איין צו זייערע רייד.

אלטיטשקער: — וויפיל איז דער שיעור צו טרויערען נאך א מאן? ער זיצט שוין דארט אין גן עדן מיט צדיקים און אמוזירט זיך. אמוזיר זיך דא אויך. איך האב דיך תמיד ליב געהאט.

אלטיטשקע: — איך בין ניט אזוי זיכער, אז אים איז דארט אזוי גוט. אפשר איז אים קאלט. ער ליגט אין דער קאלטער ערד. א ווייטאג איז מיר פאר זיינע קאלטע ביינער.

אלטיטשקער: — וואס פאר א ביינער? וואו האט ער ביינער? דער קערפער איז גאר ניט. דער עיקר איז די נשמה און די נשמה זיינע שוועבט מיט די צדיקים און עסט דארט שור הבר אדער שפילט א ליבע מיט א רעביצין. איך גאראנטיר דיר פאר אים ניט. ער האט תמיד ליב געהאט ווייב־לאך. (ער וויל זי אננעמען ביי דער האנט.)

אלטיטשקע: — (ווארפט אוועק זיין האנט) דו נואף! דו האסט געוואלט האלטען מיין האנט אפילו ווען מיין פנחס האט געלעבט. א בראך אין צו דיך!

אלטיטשקער: — פארוואס זאלסטו זיין אזא שלעכטע? דיין פנחס וועט איצט ניט זיין דזשעלאס. אים ארט איצט ניט אזעלכע זאכען. ער איז פארנומען מיט זיך. ער זעט זיך דארט מיט זיין פאמיליע, מיט זיין ערשטער ווייב. (וויל אננעמען די האנט.)

אלטיטשקע: — נעם אוועק דיין טריפה'נע האנט, נעם אוועק!

פרילינג: — זעסט? ער האט דעם פרילינג אין הארץ, בענקט נאך ליבע, און ביי איר וואוינט דער ווינטער. זי בענקט ניט. זי איז פאר־פרווירען.

איך: — איך זע, אז דו, פרילינג, שפילסט א גרויסע ראלע.

פרילינג: — אזוי לאנג ווי די ערד וועט עקזיסטירען, איידער זי וועט אפגעשאפט ווערען פון אן אטאם־באמבע, וועט לעבען דער פרילינג. אן פרילינג, אן ליגען און אן בענק־שאפט — קען די וועלט ניט עקזיס־טירען.

# אַ לעבּען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

זי איז געווען אומרואיג און א ביסעל איבערגעשראָקען און זי האט קוים זיך צוגערירט צו איר פּאָרציע עסען. זי האט מיט אירע אויגען ארומגעזוכט דער מאַמע'ס בליק, כדי נאך איר קוק צו דערקענען ווי עס האלט, און אויב זי האט אויסגענומען ביי איר.

נאָר אין דעם בליק פון דער אַלטער מיסעס פינקעלשטיין, לארי'ס מאמע, איז גארניט געווען צו דערקענען ווי עס האלט. זי האט געטראָגען אירע געפילען און אנגסטען וועגען לארי'ן און זיין מיידעל טיף אין הארצען פארבארגען, און זי האט דאס ניט געקענט פאר קיינעם ארויסווייזען. ביי איר אין די אויגען איז עלינאר ניט געווען די סאָרט מיידעל, וואָס זי האט אין איר געדאנק זיך פארגעשטעלט פאר איר לארי'ן. קיין גאר גרויסע פארשוין איז זי ניט. און א גופ'ל — נאר הויט און ביינער. און ווי זי עסט דאס, ווי א פויגעלע. און ווי איר לארי פארקוקט דאס איר אין די אויגען, די עלינאר. ער איז צוגעקאָכט צו איר. נו, ס'איז מסתמא אזוי באַשערט — האט זי אלץ איבערגעטראכט מיט געמישטע געפילען. זי האט דאך גע'חלומ'ט פאר איר לארי'ן עפּעס אנדערש... א שיינהייט, וואס זאל פארלייכטען די שטוב. זי רעדט שוין נישט פון די אנדערע גוטע אייגענשאפטען וואס לארי'ס באַשערטע האט געדארפט באזיצען. נאר דאך האט זי געפּרואווט ביי זיך רעכט מאכען. אז לארעלע'ן איז זי ליב, דארף די מיידעל זיינע איר אויך זיין ליב, און ניטא דא וואס איבערצוטראכטען.

לארי איז די גאנצע צייט געזעסען לעבען עלינאר'ן. ער האט זיך דורכגעווארפען מיט איר מיט א פּאָר ווערטער. און ער האט געזען ווי זי איז איינגעהאלטען און אפילו צוטראָגען. דאס איז ניט געווען די עלינאר, וואס ער האט געקענט ביז איצט, אזא, וואס איז אָפט געווען לוסטיג און שטיפעריש. דא איז זי געזעסען צוריקגעהאלטען און שטיל. ער האט גוט פארשטאַנען אירע געפילען. ווי שווער דאס איז פאר איר דאס אריינפאלען אין א פרעמדער הויז מיט נייע מענשען, ביז איצט גאר אומבאַקאַנטע פאר איר.

ער האט זיך איינגעקוקט אין איר פנים און מיט זיין בליק איר צוגעזאָגבען קוראזש, ווי ער וואָלט איר זאגען: „עס וועט זיין אַלראַיט, עלינאר, דו קענסט זיין רואיג."

באלד ווי מען האט אפּגעגעסען האט די מאַמע לארי'ס געכאַפּט זיך אראָפּנעמען פון טיש און אוועקטראָגען אלץ צוריק אין קיך. די ביידע שוועסטער האבען אויך געארבייט. זיי האבען ניט אויפגעשטעלט צוריק דעם טיש ווי געווען, נאר אראָפּנעמענדיג אלץ האבען זיי פארשפּרייט א נייעם ווייסען טישטוך. מען האט, ווייזט אויס, זיך געריכט אויף נאך געסט.

נייטען פינקעלשטיין האט נאָכ'ן עסען זיך געפילט שטאַרק מיד און עס האט אים געצויגען צום דרעמעל. ער איז אוועק אין א ווינקעל פון עסשטוב, זיך אריינגעזעצט אין א טיפען שטול און צוגעמאכט די אויגען און גערוט. עלינאר האט זיך צוגעזעצט אויפ'ן קאַנאַפּע מיט דער יונגער שוירלי'ן. שוירלי האט עלינאר'ן ארומגעקוקט פון אלע זייטען און אלץ אין איר איז געפעלען. זי איז געווען א ברוקלינער מיידעל און זי האט ארויפגעקוקט צו עלינאר'ן ווי א פּראָווינצער אויף א גרויס־שטאַטישען מענשען. זי האט עפּעס גערעדט און דערציילט. נאר עלינאר האט שלעכט געהערט. זי האט געטראכט פון די צוויי שוועסטער לארי'ס, בעסי און מאָלי. זיי האבען נאך היינט ווייניג מיט איר גערעדט. באלד וועלען זיי ענדיגען זייער ארבייט און זיי וועלען זיך צוזעצען צו איר. זיי וועלען איר אפשר נעמען פאַנאַנדערפרעגען וועגען איך היים; וואָס עס טוט איר מאַמע, און וועגען טאַטען אירען וועלען זיי אפשר פרעגען. ניין, זיי וועלען דאס ניט טאָן — עלינאר האט באלד א טראַכט געטאָן אויף צוריק. לארי האט זיי אַלעמען געוויס פארזאָגט זיי זאָלען ביי איר גארניט פרעגען.

זי האט געהערט שוירלי'ן פרעגען איר וועגען אירע האר, וואס זיינען אזוי געלאַקט:

— דאס איז ביי אייך א „פּוירמאַנענט" אזא, עלינאר, אייערע האר?

— ניין, שוירלי, נאַטירליך. זיי קרייזלען זיך פון זיך אליין, מיינע האר.

זי האט שוירלי'ן אנגענומען פאר א האַנט. דאס יונגע מיידעל איז איר דורכ'ן טאג נאָענט געוואָרען:

— און דו, שוירלי, האסט אויך שיינע האר, שוואַרצע אזעלכע, און גלאַטע, ווי ביי דיין ברודער לארי. און דיינע אויגען זיינען אויך שיינע, שוואַרצע, ווי ביי לארי'ן.

שוירלי האט פון גרויס פארגעניגען ארומגענומען עלינאר'ן און זיך א טוליע געטאָן צו איר.

לארי האט שוין באוויזען א שמועס צו טאָן מיט זיין מאַמען וועגען עלינאר'ן. ווען ער האט זיך אריינגעכאַפּט אין קיך, אז קיינער, אויסער זיי ביידען, זיינען דארט ניט געווען.

— נו, מאַ, וואס זאגסטו וועגען עלינאר'ן? ווי געפעלט זי דיר?

— מיין זון — האט די אַלטע מאַמע אים אנגעקוקט מיט ליכטיגע אויגען — אז זי געפעלט דיר, דאס איז שוין גענוג. מסתמא איז זי גוט.

— איך פרעג דיר איצט ווי זי געפעלט דיר, מאַ, וועגען מיר רעד איך איצט ניט — איז לארי צוגעשטאַנען צו זיין מאַמען נאך א קלאָרען ענטפער. נאָר זיין מאַמע האט אים געענטפערט קלוג, ווי איר שטייגער איז געווען, אז פון איין מאָל זען איר איז שווער עפּעס צו זאָגען באַשטימט:

— דו ווייסט דאך, לארי, עס נעמט לאַנג איידער מען דערקענט א מענשען.

זי האט ניט געקענט געבען לארי'ן קיין קלאָרען ענטפער איצט. נאָר זי האט געמוזט באלד צוגעבען:

— זי זעט זיך אויס א פיין קינד, דיין מיידעל. זאל נאר זיין מיט גליק.

מער האבען זיי איצט ניט געקענט רעדען. לארי איז אריין צוריק אין „דאַינינג רום", וואו אלע מענשען זיינען געווען. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין ברודער און די צוויי שוואָגערס, וואס זיינען געשטאַנען אין מיטען צימער און געשמועסט צווישען זיך, און ער האט זיי גענומען פאַנאַנדערפרעגען וואס זיי טוען און ווי עס גייט יעדען אין זיין ארבייט. און שמועסענדיג האבען די מאַנסלייט פון צייט צו צייט א בליק געטאָן צו עלינאר'ן, ווי זי איז אזוי געזעסען מיט שוירלי'ן אויף דער קאַנאַפּע און זיי האבען פילבאַדייטענדיג צוגעשמייכעלט צו לארי'ן, ווי זיי וואָלטען אים זאָגען:

„זי איז אַלראַיט, דיין מיידעל, דו האסט גוט געטראָפען מיט איר."

און לארי האט פארגעניגענדיג צוריק צו זיי געשמייכעלט.

(ווייטערעס — מאָרגען)

---

## די אַפּיקורסים פון ישראל זיינען פאַר די פרומע תימנ'ער אידן אַ באַווייז, אַז משיח איז נאָך ניט געקומען

פון מ. צאַנין

(שלום פון פּעידזש 2, סעקשאַן 1)

גען אויף דער ערד אַז סימנים פון לעבען און אנדערע האבען געהאַט אונטערגעהאַקטע אייגען. ווען די פארשטאַרקונג איז אנגעקומען, איז שוין געווען נאך דעם איפּשטאַנד. די תימנ'ער אידעלעך זענען זיך צעלאַפען אין די געצעלטען און געמאַכט דעם אנשטעל ווי זיי וואָלטען גאָט די נשמה שולדיג געווען. קיינער האט זיך ניט געוואָלט מודה זיין, אַז ער האט אנטייל גענומען אין פּאָגראָם. פאַרקערט, ער איז גאָר די גאַנצע צייט געווען אין געצעלט און אפילו ניט געוואוסט וואָס אין דרויסען קומט פאָר. און דער, ווידער, האט דריי ווייבער און פרייטאָג־צו־נאַכטס איז אויף דער וועלט, ליגט אים ניט אין זינען פלוצים גיין אנברעכען יועמען די ביינער. און א דריטער ווידער ליגט אויפ'ן בעט געפערליך קראַנק און שוין דריי טעג ווי ער גייט ניט ארויס פון געצעלט... לויט די אומשולדיגע פּנימער וואָלט איך געשוואָרען, אַז אַט די אַלע הייבען ניט אַן צו וויסען, אַז עס איז איבערהויפּט עפּעס וואָס פאַרגעקומען אין לאַגער, סיידען ס'איז געשען עפּעס א וואונדער: שויבען האבען זיך אליין אויסגעשלאָגען, מעבעל איז זיך אליין צעפאַלען און די פאַרוואונדעטע — האבען זיך איינער דעם אנדערען אליין פאַרוואונדעט...

איצט, ווען איך קומט אריין אין די לאַגערען פון די תימנ'ער, איז ווי איך וואָלט אריין אין א שטורעם־וואָלקען: אַז עס וועט קומען עפּעס א גוטער ווינט, וועט ער דעם וואָלקען צעטרייבען, און אויב ניט — אויב מען וועט ווייטער שרייבען אום שבת און מען וועט ווייטער „אָפּ'שמד'ן" די תימנ'ער משה'לעך און סעדיה'לעך — קען אויסברעכען אזא שטורעם, אַז משיח אליין וועט דאַרפען קומען און לעשען די „שריפה"...

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

## צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

דער ווינטערדיגער טאג איז קורץ. און מען האט אנגעצונדען אלע עלעקטרישע לאמפען אין „ליווינג־רום", און עס איז געווארען נאך מער יום־טוב און שטוב. עס איז ניט אוועק קיין סך צייט און עס האבען אנגעהויבען קומען געסט אלערליי — אלץ פון דער אייגענער משפחה. מיסעס פינקעלשטיין, לארי'ס מאמע, האט מסתמא געלאזען פאלען א ווארט, אז לארי וועט היינט, זונטאג, קומען אהער מיט זיין מיידעל — איז מען געקומען איר אנקוקען און זען.

עלינאר איז אויף דאס ניי אומרואיג געווארען. לארי האט דאך איר געזאגט, אז עס וועלען דא זיין נאר נאענטע מענשען, פון דער אייגענער פאמיליע. האט זי זיך פארגעשטעלט א קליינע צאל. ערשט עס האבען אנגעהויבען קומען מענשען איינס נאכ'ן אנדערן, אלע ווילע האט דאס טירגלעקעל געקלונגען. די אלטע מיסיס פינקעלשטיין איז זיי געגאנגען אנטקעגען און באגעגנט יעדען מיט שמחה.

קיין אפיציעלע תנאים פון לארי'ן מיט עלינאר'ן איז גאר נאך ניט געווען, נאר עס איז פון אלעמען פארשטאנען געווארען, אז לארי האט זיך שוין אויסגעקליבען א מיידעל. און יעדערער פון דער גרויסער משפחה געווען נייגעריג איר אנצוקוקען. דאס האט געהייסען ווי נאר א פארשפיל צו א גאנצער רייע אויפנאמעס. און לארי'ס משפחה האט מען ליב געהאט שמחות. עס זאל נאר זיין פון וואס זיך צו פרייען...

עס זיינען געקומען עטליכע פעטערס און מומעס און אזוי קרובים, נאענטע און ווייטערע, קוזינעס, שוועסטער־קינדער. עטליכע פון זיי האבען מיטגעבראכט מיט זיך זייערע אינגערע קינדער. עס איז געווארען פריילעך און שטוב.

אלע האבען זיך א לאז געטאן צו לארי'ן פרייען זיך מיט אים און דריקען אים די האנט. עס האט אויסגעזען ווי די גאנצע משפחה איז פאראינטערעסירט אין זיין גליק. לארי איז געשטאנען ארומגערינגעלט און אויסגעמישט מיט אלעמען, אז מען האט אים קוים ארויסגעזען. און ער האט צו זיי אלעמען גוטמוטיג געשמייכעלט.

מען דארף וויסען, אז לארי'ן האט מען דא באזונדערס ליב געהאט. ער איז געווען, קען מען זאגען, די קרוין פון דער משפחה. צו האבען א דאקטאר אין דער פאמיליע, אדער אזוי אן אויסגעשטודירטען איז ביי קיינעם קיין נאווינע ניט געווען. ביים פעטער נחום, א שטייגער, איז איין זון געווען א לאיער, שוין מיט א גרויסען נאמען. און נאך א זון האט ער געהאט אן אינזשעניר, וואס איז געווען אין וואשינגטאן און געהאט א שטעלע ביי דער רעגירונג. נאר וואס דען? לארי האט פארמאגט, וואס מען רופט פערזענליכען חן. ער איז געווען א צוגעלאזענער, און זייער איבערגעגעבען צו זיין משפחה. אויף אים האט ניט געווירקט שלעכט דאס, וואס אלע האלטען אזוי פון אים און קוקען אים אין די אויגען. ער האט ניט געבלאזען פון זיך, נאר געבליבען אן אייגענער מענש. און דאס האבען מענשען אפגעשאצט...

אויסער דעם האט מען שוין געקענט זען ווי ער גייט אויפ'ן וועג פון ערפאלג, מיט זיין ענערגיע און טיפען פארשטאנד. ער איז ניט געווען גלאט א דאקטאר, נאר ער האט זיך פארטומען צו ווערען א „ספעשיאליסט"־דאקטאר אויף הארץ־קראנקהייטען, א כירורג.

דער פעטער נחום איז געווען זייער א לעבעדיגער און א קרעפטיגער איד. ער האט דער ערשטער לארי'ן באגריסט און פעסט געדריקט אים די האנט:

— סעי, דאק (דאקטאר), מען קען דיר שוין ווינשען א מזל־טוב?

לארי האט עלינאר'ן גענומען אונטער'ן ארעם און ער האט איר פארגעשטעלט פאר אלעמען. און עלינאר איז געווען ווי אין א טשאד. זי האט זיך צו אלעמען געגריסט און פארלארען געשמייכעלט, פילענדיג אזוי פיל אויגען אנגעשטעלט אויף זיך.

די מומע חיה שרה איז אנגעקומען פון בראנזוויל. זי איז געווען א נידעריגע און זייער א ברייטע, מיט א פולען בוזעם און שווערע, רומאטישע פיס. זי איז אינגאנצען ניט ענליך געווען צו לארי'ס מאמע, מיסעס פינקעלשטיין, כאטש זיי זיינען געווען שוועסטער. די מומע חיה שרה האט מיטגעבראכט מיט זיך א ריזיגען טארט נאך אין דער בלער. זי האט עס אליין אויסגעבאקען. איינגעוויקעלט אין א פאפיר און ארומגעבונדען מיט א שנירעל האט זי עס איבערגעגעבען צו דער מיסעס פינקעלשטיין אין האנט. און מיסעס פינקעלשטיין, דערזעענדיג דעם טארט, האט זיך אויף איר שוועסטער אנגעבייזערט:

— צו וואס האסטו עס געדארפט ברענגען. עס פעלט מיר אוים קעיק? כ'האב אנגעגרייט גענוג. אבי נאר מען זאל גיין אויף שמחות.

נאכדעם ווי מען האט פארגעשטעלט עלינאר'ן פאר דער מומע חיה שרה'ן, זיינען ביידע שוועסטער זיך ארויפגעפאלען אויף די העלזער און לאנג האבען זיי זיך צוגעוואונשען איינע די אנדערע מען זאל דערלעבען נחת איינע פון די אנדערע, פון די קינדער און אייניקלעך און אור־אייניקלעך. מיסעס פינקעלשטיין, לארי'ס מאמע, איז געווען אזוי צענומען, אז זי האט פארגעסען אירע אנגסטען וועגען עלינאר'ן, איר צוקונפטיגע שנור, און ביי ביידע שוועסטער זיינען די אויגען געווען פייכט.

לארי'ס מאמע און אירע צוויי טעכטער, בעסי און מאלי, האבען באלד גענומען גרייטען נייעם כיבוד פאר די געסט. זיי האבען באלאדען דעם טיש מיט אלערליי עסענווארג, מיט טארטען און קיכלעך, מיט פרוכטען און געטראנקען אלערליי. און זיי האבען גענומען רופען צום טיש די געסט, וואס זיינען אלע געשטאנען דערווייל אין מיטען שטוב און איינע מיט די אנדערע זיך געפרייט און הילכיג צווישען זיך געשמועסט.

די באגעגענישען פון דער גרויסער משפחה זיינען אלע מאל געווען רוישיג און פריילעכע. אז זיי האבען זיך נאר דערזען, איז זיי שווער געווען אפצורייסען איינע פון די אנדערע, און מיסעס פינקעלשטיין האט זיי מיט געוואלד צענומען:

— וואס שטייט איר דא? קומט צום טיש. נעמט עפעס אין מויל אריין. געניסט עפעס.

איצט זיינען שוין אלע געזעסען ארום גרויסען טיש. נייטען פינקעלשטיין, דער טאטע לארי'ס, האט זיך שוין אויסגעטשוכעט פון זיין דרעמעל. ער איז געזעסען אויבענאן צווישען די געסט. ער האט אלעמען אנגעגאסען גלעזלעך וויין, און אליין מיט א גלעזעל וויין אין דער האנט האט ער אין א געהויבענעם טאן זיך מיט אלעמען צוגעוואונשען:

— לחיים! מ'זאל דערלעבען הערען נאר גוטע בשורות פון אונז און פון אלע אידען.

אויף זיין אויסגעצערטען פנים איז איצט געלעגען א גוטער שמייכעל, און זיינע מוטנע אויגען האבען ליכטיגער געשיינט ווען ער האט געבליקט אין דער זייט וואו זיין לארי מיט עלינאר'ן זיינען געזעסען. זי זעהט זיך אז א פיין קינד, זיין מיידעל. אן איידעלע און א שטילע. זי איז אים שוין געווען איינגעבאקען אין הארצען.

פון אלע זייטען האט זיך איצט געטראגען א פרעהליכער רעש און גערודער און ווינשעוואניעס. איטיצער פון די קינדער האט אנגעשטעלט די ראדיא אויף די העכסטע טענער. די קינדער זיינען פול געווען אין אלע ווינקעלעך. צושפילטע האבען זיי זיך ארומגעיאגט פון איין צימער אין דעם אנדערען און קיינער האט אויף זיי זיך ניט אומגעקוקט. זיי האבען אלע ווילע אויסגעטראכט א נייע שפיל. אין ערגעץ האבען זיי ניט געשפילט זיך אזוי פריי און אומגעשטערט ווי ביי זייער באבען אין שטוב.

עלינאר איז געזעסען אויפ'ן סאפע, וואס איז געשטאנען ניט ווייט פון גרויסען טיש. זי האט געהאט ארום זיך צוויי פריינט איצט. פון איין זייט דער יונגער שוירלי'ן, און פון דער אנדערער זייט איר לארי'ן. לארי האט אלץ געזעהן ווי זי פיהלט פארטומעלט און מיד. ער האט איר מיט צערטליכקייט פארקוקט אין די אויגען. געזעהן ווי זי איז צוגעשטילט מער ווי ווען־עס־איז.

— שוין באלד, באלד וועט זיך דער וויזיט ענדיגען — האט ער שטילערהייט איר א זאג געטאן. ער האט מיט ווייניגע ווערטער, נאר מיט זיין נאענטען פארהאלטען זיך צו איר אזוי ווי צוגעגעבען איר מוט, אז דאס שווערסטע איז שוין אריבער און אינגיכען וועלען זיי ווידער קענען זיין אליין מיט זיך.

די ווייבער האבען זיך איצט אויפגעזעצט אין איין הורבע און זיי האבען זיך געמיטליך געשמועסט צווישען זיך פון אלץ אין דער וועלט: פון דעם גרויסען יקרות אויף עסענווארג און ווי שווער ס'איז צו האלטען א הויז ווי עס באדארף צו זיין, און פון זייערע אייגענע מענער האבען זיי גערעדט: ביי וועמען דער מאן איז איבערגעבען צום שטוב און העלפט ארויס דער ווייב מיט איר ארבייט אין שטוב, און וועמענס מאן וויל ניט וויסען פון גארניט און איז אין שטוב ווי א פרעמדער. זייער שמועס האט זיך געצויגען לאנג און האט ניט געהאט ניט קיין אנהויב, און ניט קיין סוף.

(ווייטערס — מארגען)


















# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע
פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

לאָרים'ס מאַמע איז אויך געזעסן דערביי מיט אירע הענט אין שויס. אירע פאַרהאָרעוועטע הענט האָבען איצט גערוהט. זי האָט איצט אינ'ם שמועס זעלטען־ווען אַריינגעוואָרפען אַ וואָרט. דאָס האַרץ איז איר געווען פול. ס'איז ביי איר היינט געווען אַ גרויסער און וויכטיגער טאָג.

אַלע אין דער משפחה האָבען זיך מיט מיסעס פינקעלשטיין'ס וואָרט גערעכענט. מען האָט איר געהאַלטען פאַר אַ קלוגען קאָפּ. „אַז גאָלדע זאָגט עפּעס, ווייס זי וואָס זי רעדט". אין פרייד און אין לייד האָט מען ליב געהאַט צו האַלטען זיך מיט איר אַן עצה. און אין וויכטיגע ענינים האָט זי געקענט זיין שטרענג, אויב ס'האָט זיך אַזוי געפאָדערט. מ'האָט אירע עצה'ס געפאָלגט און אַלעמאָל איז דאָס אַרויסגעקומען גוט.

מיסעס פינקעלשטיין איז געווען אויסגעבונדען מיט איר גרויסער משפחה. זי האָט געהאַט פאַר יעדען פון זיי אַ וואַרימען ווינקעל אין איר האַרצען. געגלויבט אַז אַלע דאַרפען זיך האַלטען אינאיינעם און זי האָט געהאַט אַלעמען אַרום זיך.

איצט איז זי געזעסן און גערוהט, מיט איר ברייט פאַרטוך אַראָפּגענומען פון זיך; זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גלאַטע, שוואַרצע קלייד מיט אַ העלע קרוזשעווע אַרום האַלז. זי האָט ניט געטראָגען קיין שייטעל נאָר אירע האָר זיינען געווען פאַרקעמט פרום, גלאַט צום קאָפּ. ווייניג גרויע פעדים האָבען זיך אָנגעזעהן אין אירע האָר. אירע אויגען האָבען געקוקט שאַרף און קלוג און זי האָט נאָך אויסגעזעהן גענוג קרעפטיג. זי איז געווען ווי אַ בוים אַ שטאַרקער, וואָס האָט שוין איבערגעטראָגען איבער זיך אַ סך שטורעמס.

אין דעם מאַנסבילשען ווינקעל איז איצט גאָר געווען פריילאָך. דער פעטער נחום האָט דאָ דערציילט אַלערליי מעשיות און אַלע האָבען געלאַכט. דער פעטער נחום האָט זיך גערעכענט פאַר אַ וועלטליכען מענשען. ער איז אין די יונגע יאָרען געגאַנגען אַ שטיקעל צייט אין „נאַיט סקול" און ער האָט אָפט אַריינגעקוקט אין אַן ענגלישער צייטונג. ער האָט ליב געהאַט צו פאַרמעסטען זיך מיט די אינגערע פון אים, וואָס זיינען שוין געווען אַמעריקאַנער־געבוירענע און דערוויזען זיי, אַז אַן אַמעריקאַנער באַי, אַ געענדיגטער קאָלעדזש, פאַרשטייט נאָך זעהר ווייניג. זיי זיינען ניט ווי די היימישע געלערנטע יוגענט איז געווען.

ער האָט דאָ איצט פאַר אַלעמען דערציילט די געשיכטע, ווי אַזוי ער איז ערשט ניט לאַנג געוואָרען אַ „סי־טיזען" (אַ בירגער).

— ערשט ניט לאַנג? — האָט איינער פון לאָרי'ס שוואָגערס ביי אים געפרעגט. — ווי לאַנג אַז איר וואוינט שוין דאָ אין לאַנד? — האָט ער זיך געוואונדערט.

— ווי לאַנג? אַ יאָהר פינף־און־דרייסיג — האָט דער פעטער נחום אים רוהיג אָפּגעענטפערט. — וואָס האָב איך זיך געהאַט צו איילען? מען וועט מיר, חלילה, ניט אַרויסשיקען פון לאַנד.

הכלל . . . — האָט דער פעטער נחום פאָרטגעזעצט זיין געשיכטע — ער האָט באַשלאָסען צו ווערען אַ בירגער; ער האָט אָפּגעזוכט אַלע ביכער וואו עס ווערט באַשריבען וועגען דעם; ער האָט אויסגעלערענט די גאַנצע געשיכטע פון אַמעריקע — ער האָט עס שוין געהאַט אויף זיינע צען פינגער; אַ גאַנצען חודש האָט ער אויף דעם געהאָרעוועט.

נו, גוט. איז געקומען די צייט ווען ער האָט שוין געדאַרפט געהן אין קאָורט. אַז ער איז אַהינגעקומען האָט ער ביי זיך געטראַכט: באַלד וועט מען אים אָנהויבען פרעגען די וויכטיגע פראַגעס. ערשט וואָס ווייזט זיך אַרוים? — אַלץ קלייניגקייטען, נאַרישקייטען פרעגט ביי אים דער קלוירק. אַ שטייגער, וויפיל שטאַטען ס'זיינען דאָ אין לאַנד? אָדער וואָס איז די באַדייטונג פון דעם 4טען דזשולאַי? ס'איז ביי אים געווען אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט צו ענטפערען אויף אַזעלכע פראַגען — האָט ער זיך באַרימט, דער פעטער נחום.

— און מער האָבען זיי ביי אייך גאָרנישט געפרעגט? — האָט איימיצער געוואָלט וויסען.

— פרעגט זיי בחרם — האָט דער פעטער נחום זיך אָפּגערופען מיט בטול אויף די אַמעריקאַנער קלוירקס. — וואָס ווייסען זיי? — און ער האָט אויסגעצויגען די האַנט נאָכ'ן פלעשעל רויטען וויין, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש און זיך אָנגעגאָסען אַ גלעזעל.

אַלע האָבען האַרציג געלאַכט. און עפּעס ווי ניט־ווילענדיג האָט זיך דער שמועס פאַרקירעוועט צום לעבען פון אַמאָל, אין דער ווייטער היים. איינער פון די מאַנסלייט האָט דאָ ביים טיש דערצעהלט ווי אַזוי ער איז אינדערהיים אַנטלאָפען פון פּריזיוו, ניט געוואָלט דינען „פאָניע גנב", און ווי ער איז שיער ניט אומגעקומען ביים גנב'ענען דעם גרעניץ, ווען די סאָלדאַטען אויף דער וואַך האָבען אויף אים געשאָסען; און ווי ער האָט זיך סוף־כל־סוף דערשלאָגען צו די זיכערע אַמעריקאַנער ברעגען.

דער טאָן פון דעם שמועס האָט זיך איצט געביטען, געוואָרען מעהר אומעטיג און פאַרבענקט. זיי זיינען דאָ אַלע געווען שוין איינגעזעסענע און איינגעוואָרצעלטע מענשען אויף דער היגער ערד; זיי האָבען שוין אויסגעהאָרעוועט דאָ אַ נייעם דור קינדער. און דאָך האָבען די שמועסען זייערע נאָך אָפּגעקלונגען פאַרבענקט — מיט אַ בענקשאַפט פאַר דער ווייטער היים, פאַר די אָפּגעלאָפענע יאָרען און פאַר דער אייגענער פאַרגאַנגענער יוגענט.

עלינאָר, זיצענדיג דאָ דערביי, איז ביסלעכווייז פאַרכאַפּט געוואָרען פון זייער־שמועס. עס האָט איהר ניט ווי־לענדיג דערמאָנט אָן איהר אייגענעם טאַטען. עהנליכע שמועסען האָט זי שוין געהערט, דערמאָלט, ווען איהר טאַטע איז נאָך געווען אין דערהיים.. זי האָט אַ טראַכט געטאָן: ווען איהר טאַטע וואָלט דאָ איצט געווען צווישען זיי אַלעמען, ער וואָלט זיך אויך צורעדט, ווי ער פלעגט דאָס ליב האָבען צו טאָן, און ער האָט שטענדיג אויסגענומען מיט זיין סך וויסען און מיט דעם שעהנעם אופן פון זיין ריידען.

— האַו דו יו פיל, סוויט? האָט לאָרי זיך צוגעבויגען צו איהר און געפרעגט.

— איך פיהל גוט, וואונדערבאַר, — האָט איהם עלינאָר געענטפערט.

מיסעס פינקעלשטיין, לאָרי'ס מאַמע, איז געזעסן פון דערווייטען, מיט איהרע הענט פאַרלייגט אין שויס, און זי האָט ניט אַראָפּגענומען איהרע אויגען פון עלינאָר'ען. דאָס מיידעל איז אַזוי שטיל און ווי זי קלעפּט דאָס איהר לאָרי'ן. מיט איהר מאַמעשען חוש האָט די אַלטע מיסעס פינקעלשטיין געגומען זוכען גוטע זייטען, מעלות אין עלינאָר'ען. זי איז אַן עלענט קינד. ווער ווייסט ווי זי האָט זיך געהאָרעוועט. אַ היים אָהן אַ טאַטען. איהר זוהן, לאָרי, האָט דאָך איהר אַלץ דערצעהלט. — „מיין לאָרעלע דאַרף אפשר האָבען אַזאַ. זי איז אַ געליטענע, און זי וועט איהם זיין אַ געטרייע ווייב", — האָט זי אַלץ אין געדאַנק ביי זיך איבערגע־לייגט, — „מסתמא איז דאָס אַזוי באַשערט"...

אַ וואַרימער געפיהל האָט זיך גע־נומען באַוועגען אין האַרצען ביי איהר אַנטקעגען דער מיידעל עלינאָר. דער קוואַל פון ליבשאַפט, וואָס האָט געשפּייזט יעדען גליד פון איהר פאַמיליע, האָט זיך איצט אויסגעברייטערט אין איהר, כדי אַריינצונעמען נאָך איין נייעם גליד אין איהר פאַמיליע. זי האָט זיך מיט אַמאָל גענגע־בען אַ הויב־אויף פון אָרט, און מיט איהר הילכיגער שטימע האָט זי גע־נומען וועקען און רופען די ווייבער, אַז זיי זאָלען זיך צורוקען נעהענטער צום טיש און געניסען.

— וואָס פאַרזוכט איר גאָרניט? נעמט אַ פרוכט, טרינקט אַ ביסעל וויין, האָט זי צו אַלעמען גערופען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# מאַקס געביל דערצעהלט

(שלום פון פּעידזש 2)

די געוואָלדען „יאַי" (אַזוי ווי אונזער „הוראַ") האָבען נישט אויפגעהערט.

אָבער ניט נאָר אין טעאַטער, נאָר אויך ביי בוימאַייל'ען אין רעסטאָראַן בין איך געווען דער העלד פון טאָג. ביי בוימאַייל'ען האָבען זיך די געשעפּטען שטאַרק פאַרבעסערט טאַקע צוליב דער פּיעסע. דער גרויסער עולם אונגאַרישע אידען און נישט־אידישע אונגאַרען, וואָס זיינען געקומען צו אונז אין טעאַטער, זיינען נאָך דער פאָר־שטעלונג, צוגעגאַנגען צו איהם אין רעסטאָראַן און דאָרט געפּראַוועט קליינע באַנקעטלעך. בוימאַייל האָט זיך געפאָרעט פון איין טישעל צום אַנ־דערען, און אויב איך בין נאָר אויך געווען יענע אָוונטען ביי איהם אין רעסטאָראַן, האָט ער כסדר געבראַכט צו מיר זיינע געסט און זיי פאָרגע־שטעלט פאַר מיר. ווידער האָבען זיך אָנגעהויבען די קאָמפּלימענטען און באַ־וואונדערונגס־אויסדרוקען.

די זעלבע סצענעס פלעגען זיך אָפּ־שפּילען אויך בייטאָג ווען איך פלעג דאָרט אַריינקומען עסען. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט ריכטיג אָפּ־עסען. דאָס עסען פלעגט מיר קאַלט ווערען, ווייל מען האָט מיך כסדר אי־בערגעריסען און פאַרפירט מיט מיר געשפּרעכען וועגען קאַשוט'ן און וועגען דער פּיעסע.

בוימאַייל, וועלכער האָט גערעדט דייטש, האָט ביים צופירען צו מיר זיינע געסט כסדר געזאָגט:

— האָבען זי די עהרע דען אַווטאָר קענען צו לערנען!

און דער עולם האָט באַוואונדערט די אונגאַרישע ווערטער וועלכע איך האָב אַריינגעפירט אין דער פּיעסע. דאָס האָב איך אויך בכיון געטאָן, כדי צוצוגעבען קאָלאָריט צו דער האַנדלונג. פּונקט ווי שפּעטער אין מיינע פּיעסען, וועלכע שפּילען זיך אָפּ אין אַמעריקע, האָב איך אַריינגעפירט טיפּישע אַמע־ריקאַנער אויסדרוקען, אַזוי האָב איך אין דער פּיעסע „קאַשוט לאַיאָש" אַריינגעשטעלט אין מויל פון קאַשוט'ן און גענעראַל גערגעי עטליכע טיפּישע אונגאַרישע אויסדרוקען. די ווערטער האָט מיר אָנגעוויזען און אויסגעלע־רענט אַ דיריגענט פון אַן אונגאַרישען כאָר אין אַן אונגאַרישען פּאַראַיין, וועל־כער האָט טאַקע געשריבען די מוזיק פאַר מיין פּיעסע. אָבער מערער נאָך ווי די מוזיק, האָט אויסגענומען אַ באַקאַנט פאָלקסליד, וואָס געהט אַרום אין אונגאַרן וועגען קאַשוט'ן. איך האָב געזאָרגט, אַז דאָס ליד זאָל אויך געזונ־גען ווערען אין דער פּיעסע און ווען די אונגאַרישע באַזוכער האָבען געהערט דאָס ליד, זיינען זיי ממש געווען אין ז בעטען הימעל. זייער נחת איז גאָר־נישט צו שילדערען.

די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרען נישט נאָר גאַנץ פּסח, גאָר אויך נאָך פּסח און זי האָט אונז געשטעלט אויף די פיס. אָבער יעדע זאַך מוז דאָך אַמאָל זיך ענדיגען, איז אויך געקומען די צייט ווען מיר האָבען פאַרענדיגט דעם סעזאָן און ווידער זיינען מיר זיך צופאָרען.

איך, איידאַ דוואָרקין און שענקמאַן זיינען צוריקגעפאָרען קיין נ"י יאָרק. און סעם שנייער איז געפאָרען קיין שיקאַגאָ. פאַר'ן אָפּפאָרען קיין שיקאַ־גאָ, האָט מיך שנייער געבעטען, אַז איך זאָל איהם טאָן אַ טובה, און זאָל איהם געבען נאָר פאַר איין מאָל דאָס רעכט צו שטעלען צו זיין בענעפיט מיין פּיעסע „טאַטע־מאַמע'ס צרות".

איך האָב זעהר נישט געהאַט קיין חשק אַרויסצוגעבען אַט די פּיעסע פון דער האַנט, ווייל איך בין נאָך אַלץ געווען זיכער, אַז עס וועט אַמאָל קו־מען אַ טאָג ווען מען וועט די פּיעסע אויפפירען אין פּראָפעסיאָנאַלען טעאַ־טער אין ניו יאָרק און איך וועל דערפון האָבען גרויס נחת, און וויבאַלד עס וועט נאָר ערגעץ וואו זיין אַ טרופּע, וואָס האָט די פּיעסע, בין איך קיינמאָל נישט זיכער וואָס עס וועט פון איהר ווערען. אָפּזאָגען אָבער שנייער'ן האָב איך נישט געקענט, ווייל מיר זיינען געווען יוגענט־חברים זינט דער צייט וואָס איך האָב געוואוינט אין זעלבען הויז וואו זיין פאָטער האָט געהאַט די גראָסערי. האָב איך אָפּגעמאַכט אַ תקיעת כף מיט שנייער'ן, אַז איך גיב איהם די פּיעסע מיט איין באַדינג, אַז ער זאָל זי קיינעם נישט אַרויסגע־בען פון דער האַנט.

— מעקס — האָט מיר שנייער גע־זאָגט — איך דאַרף די פּיעסע נאָר פאַר איין צוועק. איך וויל זי שטעלען צו מיינעם אַ בענעפיט וואָס איך וועל האַ־בען אין שיקאַגאָ, אָבער איך פאַרזיכער דיר, אַז איך וועל די פּיעסע פון מיינע הענט נישט אַרויסלאָזען.

געשעהן איז אָבער גאָר עפּעס אַנ־דערש מיט דער פּיעסע, נאָר וועגען דעם אַן אַנדער מאָל.

# די סאָציאַליסטישע רעגירונג פון בורמע

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

מיר געזעהן אין מזרח־אייראָפּע — און מיר זעהען אויך וואָס פון דעם איז געוואָרען.

דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען, „מענ־שעוויסטישען" ענטפער האָבען געגע־בען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה די סקאַנדינאַווישע לענדער, די לייבאָר־רעגירונג אין ענגלאַנד, און איצט קומט די ריהע צו די נייע לענדער פון אַזיע. ישראל האָט זיך שוין גע־שטעלט אויף אַט דעם וועג — קיין וואונדער ניט: אַ סך דאָרטיגע סאָ־ציאַליסטישע פירער האָבען אַליין דורכגעמאַכט די גייסטיגע קאַמפּען פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע. איצט קומט בורמע, און עס וועלען קומען אַלץ נייע און נייע לענדער: אינדיע, מאַלאַיע און אַנדערע. דאָס איז אונפאַרמיידליך, וואָרים אַננעמען דעם „טראַדיציאָנעלען" קאַפּיטאַליסטישען וועג ווילען זיי ניט, ווייל זיי האָבען איינגעזעהען וואָס דאָס מיינט. מ'דאַרף ערוואַרטען, אַז אין דער וועלט וועלען אויפקומען אַלץ נייע און נייע „מענ־שעוויסטישע" פּאַרטייען און אַלץ מער און מעהר „מענשעוויסטישע" רעגי־רונגען. דאָס איז דער איינציג ריכטיגער נאָרמאַלער וועג פון עקאָ־נאָמישער און סאָציאַלער עוואָלוציע אין דער היינטיגער וועלט.

# טרויער רעזאָלוציע פון בר. 185 אַרב. רינג און פרויען קלוב

בראַנטש 185 אַ. ר. טרויערט אויף דעם טויט פון פריינד זיידמאַנ'ס ברודער. דער בראַנטש ווינשט אים, אַז אין דער אַרבייט פון בראַנטש זאָל ער זיין געטרייסט אין זיין צער.

די פרעס־קאָמיטע
פון בראַנטש 185 אַ. ר.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

**איין און צוואַנציגסטער קאַפּיטעל**

ווידער האָט דאָס טיר־גלעקעל זיך צעקלונגען. איטליכער איז געלאָפען עפענען די טיר. עס האָבען זיך דער־הערט א סך שטימען אין קאָרידאָר און עס האָבען זיך אריינגעלאָזען אַהער נייע געסט. א גאַנצער „באַנטש" יונג־וואַרג, קרובים און מיידלעך. דאָס זיינען מעהרסטענס געוועזן די קינדער פון די עלטערע געסט, וואָס זיינען שוין דאָ געוועזן פון פריהער. און אַזוי באַקאַנטע פון די פינקעלשטיין'ס טעכטער און זיהן, וואָס האָבען זיך געהאַלטען נאָהענט צו דער משפּחה.

עלינאָר איז מיט יעדען קלונג פון דעם גלעקעל אַלץ אומרוהיגער געוואָ־רען. און איצט, דערזעהענדיג אַזוי פיל פרעמדע, יונגע מענשען, איז זי גאָר צוטראָגען געוואָרען. אויף דעם האָט זי זיך ניט גערוכט. דער טאָג היינטיגער וועט זיך קיינמאָל ניט ענ־דיגען, זעהט אויס. און זי איז געבלי־בען זיצען אויפ'ן סאָפאַ אַן אומרוהיגע און ווי צונויפגעצויגען אין זיך:

„מיר'ן זעהן וואָס דאָ וועט ווייטער זיין."

— לאַרי! וואו איז לאַרי? — האָבען זיך געהערט פון אַלע זייטען פריהליכע שטימען. די יונגוואַרג האָ־בען שוין לאַנג איהם ניט געזעהן. זיי האָבען איהם געוואָלט באַגריסען. וויי־שען אים גליק מיט זיין באַשערטער מיידעל.

א רעש, א ווירבעל־ווינט האָט מיט אַמאָל זיך דורכגעטראָגען איבער'ן שטוב. די פריהערדיגע געסט ביים טיש האָבען זיך צונויפגערוקט, געמאַכט אַן אָרט פאַר די פריש־אָנגעקומענע. די יונגוואַרג האָבען איצט פאַרנומען דעם אויבען אָן.

די מאַמע לאַרי'ס, מיסעס פינקעל־שטיין, און איהרע צוויי טעכטער, בע־סי און מאָלי, זיינען ווידער אַוועק אין קיך. זיי האָבען צוגעגרייט נייע עסענוואַרג — אַלערליי צושניטענע פליישען, „קאָלד־קאַטס" און סאַלאַ־טען, סענדוויטשעס, פרוכטען און פרי־שע געטראַנקען. זיי האָבען דאָס אַלץ צעשטעלט אויפ'ן טיש און גערופען צו די געסט:

— עסט קינדער, בייסט עפּעס צו. איהר זיינט דאָך אוודאי הונגעריג.

איינע א מיידעל, ליליען, האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט לאַרי'ס מאַמען:

— העלאָו מיסעס פינקעלשטיין. וואָס מאַכט איהר?

— ליליען! — האָט מיסעס פינ־קעלשטיין מיט איהר זיך ארומגעכאַפּט.

— וואָס מאַכסט דו? פאַרוואָס איז דיין מאַמע אויך ניט געקומען אַהער?

— מיין מאַמע האָט היינט אויך א פּאַרטי — האָט ליליען גוטמוטיג גע־שמייכעלט און געענטפערט האַלב אידיש און האַלב ענגליש. — זי איז אַוועק צו א חתונה ביי איינעם פון איהרע פריינט. דער טאַטע איז אויך מיט איהר אַוועק.

ליליען איז געווען א שעהן מיידעל, א בלאָנדינקע, מיט א פולען, אויסגע־רונדיגטען פּנים, א פולען, ווייסען האַלז און א פולען, הויכען בוזים. אַלץ אין איהר איז געווען פול, אויסגערונ־דיגט. זי האָט געטראָגען א העל־בלויע קלייד. און דורך דעם אויס־שניט ביים האַלז האָט איר ווייסע לייב אַזוי ווי אַרויסגעשוימט. זי האָט גע־האַט שעהנע, בלויע אויגען, מיט א רוהיגען בליק אין זיי, און א רוהיגע, גלעטענדיגע שטימע, ווען זי האָט גע־רעדט צו א מענשען.

אַט די מיידעל, ליליען, די מאַמע לאַרי'ס האָט דאָך אין האַרצען געהאַט האָפענונגען. זי האָט דאָך געוואָלט זיין לאַרי'ס באַשערטע. נאָר אַז עס האָט זיך געמאַכט אַנדערש, איז פאַר־פאַלען. און די אַלטע מאַמע, רעדענ־דיג איצט מיט ליליען, האָט איהרע געפיהלען געטראָגען באַהאַלטען טיף אין האַרצען ביי זיך.

מיט לאַרי'ן האָט ליליען געהאַלטען זיך היימיש, אַזוי ווי אַלטע, גוטע פריינט:

— כ'ווינש דיר גליק, לאַרי! — האָט זי איהם געדריקט די האַנט און אריינ־געקוקט איהם אין די אויגען. אויב ליליען האָט געהאַט האַרץ־ווערטאַג און געטראָגען א כעס אויף לאַרי'ן, פאַר־וואָס ער האָט אויסגעקליבען ניט איהר, נאָר אַן אַנדער מיידעל — האָט זי דאָס ניט ארויסגעוויזען. זי איז גע־ווען גוט געשטימט און פריהליך ווי אַלע מאָל:

— א, יע, קום. איך וועל דיך באַ־מיידעל — האָט זי איהם גענומען אינ־טער'ן אָרעם.

לאַרי'ן איז אויך געווען שטאַרק ניט באַקוועם אַנטקעגען ליליען. נאָר ער איז אין דער מינוט איהר דאַנקבאַר געווען פאַר איהר טאַקטישען און גוטען האַלטען זיך.

— קום, לאַרי, באַקען זיך מיט דיין קענגען מיט איהר — האָט ער אַרויס־גערעדט מיט געמאַכטען מוט.

עלינאָר האָט ניט געקענט וויסען, אַז אַלע אין דער משפּחה האָבען שוין געהאַלטען, אַז ליליען וועט זיין לאַרי'ס באַשערטע מיידעל. איידער לאַרי האָט איהר באַקענט מיט ליליען, איז זי, עלי־נאָר, געזעסען מיט איינער פון לאַרי'ס שוועסטער, און צווישען זיי האָט זיך שוין גענומען פאַרבינדען אַן אינטימער שמועס. ווי צוויי צוקונפטיגע שווע־גערינס האָבען זיי געפּרואווט מאַכען אַן אָנהויב פון דערנעהענטערען זיך איינע צו דער אַנדערער.

— עלינאָר — איז לאַרי צוגעגאַנגען צו איהר, איהר אַנגענומען פאַר א האַנט — קום, איך וועל דיך באַקענען מיט איינער פון אונזערע פריינט, מיט ליליען.

— דאָס איז עלינאָר — האָט ער איהר צוגעפיהרט צו איהר — באַקענט זיך.

— האַו דו יו דו? — האָבעןביידע מיידלעך געדריקט זיך די הענט — אַי עם פּליזד טו מיט יו. זעהר אַנגענעם.

ביידע פרויען האָבען דערווייל ניט ווילענדיג איינע די אַנדערע זיך גוט אַנגעקוקט, ווי זיי וואָלטען שטודירט און אָפּגעמאָסטען איינע דער אַנדע־רער'ס שעהנקייט.

איצט זיינען אַלעמענ'ס אויגען גע־ווען געווענדעט צו עלינאָר'ן. איבער־הויפּט די יונגוואַרג. יעדערער פון זיי איז נייגעריג געווען אַנצוקוקען די מיידעל, וואָס לאַרי האָט צוליב איהר זיך אָפּגעזאָגט פון דער שעהנער לי־ליען. עלינאָר האָט פון זייערע אַלע־מענ'ס בליקען ניט ווילענדיג זיך צו־נויפגעצויגען, געהאַלטען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען.

מען האָט דאָ אויך באַוואונדערט ליליען'ס גוטען האַלטען זיך, איהר טאַקט און איהר רוהיגקייט. איהר פּנים ווייזט גאָרניט אויב זי טראָגט עפּעס א כעס אויף לאַרי'ן. זי איז פריינדליך צו איהם און צו עלינאָר'ן. אפשר שוין צופיל פריינדליך.

לאַרי איז איצט געשטאַנען צווישען די ביידע מיידלעך און אַביסעל פאַר־לאָרען געשמייכעלט, וואָס דאָס איז געווען א זעלטענע זאַך ביי איהם, אַז ער זאָל זיך פיהלען פאַרלאָרען. איטלי־כער פון די שוועסטער האָט זיי אַלע־מען גערופען צום טיש.

— קומט זיך זעצען, נעמט עפּעס אין מויל אַריין. דו אויך, לאַרי.

עלינאָר האָט געפיהלט ווי א געוויי־סע אומרוהיגקייט נעמט אויפקומען אין איהר און וואַקסען. זי האָט נאָך ניט געוואוסט קלאָר וואָס דאָס איז, נאָר זי האָט געפיהלט, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דער מיידעל ליליען. מיט איהר שטאַרק־סענסיטיווער נאַטור האָט עלינאָר דערפיהלט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גוט. די ליליען זעהט זיך אַן צו זיין א נאָהענטער פריינט לאַרי'ס. ווי היימיש ער איז מיט איהר. און ווי זי האַלט זיך צו איהם נאָהענט...

א געפיהל פון אייפערזוכט האָט ווי א שאַרפער שטאָך דורכגענומען איהר אינגאַנצען. זי האָט באַלד אין זיך בי־טער א לאַך געטאָן.

„אַט די מיידעל מיט דעם ליאַלקע־פּנים. צוליב איהר פיהלסטו דאָס אַזוי?" — האָט זי אַזוי ווי גערעדט צו זיך אַליין.

זי האָט ניט געקענט אוועקזעצען זיך צום טיש צוגלייך מיט אַלעמען און זי האָט אין דער שטיל געזאָגט לאַרי'ן, אַז זי וואָלט וועלען אַריינגעהן אין אַן אַנדער צימער, זי דאַרף פאַרריכטען איהר טואַלעט, איהרע האָר. לאַרי האָט צוגערופען די יונגע שוירלי:

— שוירלי, ווייז עלינאָר'ן וואו דיין צימער איז. זי וויל זיך צופיקסען איהר טואַלעט.

שוירלי איז געווען צופרידען צו האָבען א געלעגענהייט צו זיין מיט עלינאָר'ן א וויילע אַליין. זי האָט איהר אַריינגעפיהרט אין איהר קליינעם, נעט צוגעקליבענעם, מיידעלשען צי־מער, וואָס אויפ'ן בעט איז געווען אָנגעוואָרפען א הויפען פון מאַנטלען און היט און שאַלען פון די אַלע־ליי געסט.

— איהר האָט א סך פריינט, שויר־לי — האָט עלינאָר געזאָגט, שטעלענ־דיג זיך ביים שפּיגעל.

— א, יע, ווי אַר עי ביג פעמילי — האָט שוירלי א צופרידענע איהר אָפּ־געענטפערט.

עלינאָר האָט פון איהר האַנט־טאַש אַרויסגענומען א קעמעלע און נאָך טואַ־לעט אַנגעלעגענהייטען און קאַמענדיג זיך איהרע האָר אַנטקעגען שפּיגעל איז איהר איינגעפאַלען, זי וועט פרעגען ביי שוירלי'ן וועגען דער מיידעל לי־ליען, וואָס איז זי פאַר א סאָרט, און וואָס זי געהער זיך אָן צו זייער משפּחה און צו לאַרי'ן. נאָר ווי פרעגט מען אַז שוירלי זאָל ניט פאַרשטעהן ווי איהר, עלינאָר'ן, געהט עס אָן?

— די מיידעל ליליען, אין דעם בלויען קלייד — האָט זי אָנגעהויבען פאַרזיכטיג — ווער איז זי? זי באַ־לאַנגט אויך צו אייער פאַמיליע?

— יע, זי איז א ווייטע קרובה אונ־זערע, א „דיסטענט רעלאַטיוו" — איז שוירלי געווען צופרידען צו פאַרבינדען מיט עלינאָר'ן א שמועס.

(פאָרטזעצונג מאָרגען)












































# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ●●● פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— זי איז אַ שעהן מיידעל — האָט עלינאָר ווייטער געצויגען דעם גע־שפרעך.

— דו ביזט שעהנער — האָט שוירלי אַנטציקט אַריינגעקוקט עלינאָר'ן אין פּנים.

— איך? — האָט עלינאָר אַ לאַך געטאָן — און מיט איין האַנט אַרומ־גענומען שוירלי'ן.

ווי צו ווילען זיין גוט צו עלינאָר'ן, האָט שוירלי אַליין גענומען דערצעהלען וואָס זי ווייס פון ליליען. שוירלי איז געווען יונג און נאַאיוו, ניט געוואוסט נאָך ווי זיך צו פאַרשטעלען, און דאָס וואָס אַלע האָבען געוואָלט אפשר באַ־האַלטען, האָט שוירלי איצט אַרויסגע־רעדט אָפּענהאַרציג. און זי האָט דער־צעהלט עלינאָר'ן ווי אַלע אין דער פאַ־מיליע האָבען געדענקט, אַז לאַרי וועט חתונה האָבען מיט ליליען.

— זי איז געווען זיין סוויטהאַרט? — האָט עלינאָר געפרעגט ביי שויר־לי'ן, פיהלענדיג ווי אַ קעלט נעמט דורך אַלע איהרע גלידער און איהר קיל ווערט כריפּקע.

— יע, ניין — איז שוירלי ניט געווען זיכער — נאָר מען האָט געדענקט זיי וועלען חתונה האָבען. די מאַמע האָט אַ סך מאָל איבערגערעדט.

— אָה! — האָט עלינאָר אַרויסגע־רעדט און גענומען פיבערדיג קאַמען איהרע האָר.

— דער אַנקעל, ליליען'ס טאַטע, איז זעהר רייך—האָט שוירלי ווייטער דערצעהלט.

— ער איז דיין אַנקעל, שוירלי?

— איך רוף אַלע עלטערע מענשען אַנקעל — האָט שוירלי אַ לאַך געטאָן.

עלינאָר האָט איצט גיך, גיך גע־פּודערט איהר פּנים ביים „דרעסער" אַנטקעגען שפּיגעל. דערנאָך האָט זי אויפגעקליבען איהרע טואַלעט־אַרטיק־לען און אַריינגעלייגט זיי צוריק אין איהר האַנט־בייטעל.

— נו, שוירלי, איך בין שוין פאַר־טיג מיט מיין טואַלעט — האָט זי אַרויסגערעדט מיט געמאַכטער לוסטי־קייט און ביידע מיידלעך זיינען אַריין צוריק צו די געסט.

די שטוב איז איצט פול געווען מיט דעם יונגען און פרעהליכען רעש און מיט דעם געהויבענעם קלאַנג פון דעם פּערפעקטען ענגלישען לשון, וואָס צווי־שען דעם האָט זיך נאָך דורכגעוואָרפען אַ שאַרף אידיש ווערטעל. די יונג־וואַרג זיינען פול געווען אומעטום און זיי האָבען מיט זיך פאַרטונקעלט דעם עלטערען עולם געסט.

די מיידעל ליליען האָט זיך דאָ געפיהלט היימיש מיט אַלעמען. זי האָט זיך דאָ מיט יעדען געקענט און זיך געהאַלטען ווי ביי זיך אין דער היים. און עלינאָר'ן איז געווען קאַלט אין אַלע אבֿרים. זי האָט איצט געהאַט נאָר איין אויפגאַבע, צו פאַרהאַלטען זיך אַזוי, אַז מען זאָל אין איהר גאָרניט דערקענען, וואָס זי האָט זיך אָקאָרשט דערוואוסט וועגען לאַרי'ן און ליליען. איהר האָט זיך געדוכט, אַז אין דער לופט פיהלט זיך דער סוד, וואָס שוירלי האָט איהר דערצעהלט. און אַלעמען איז אומבאַקוועם און מען וויל עס פאַר־טומלען און פאַר'רעיש'ן מיט דעם עסען און מיט רייד.

די פּאַרטי איז איצט געווען אין פו־לען גאַנג. און פון קיך זיינען אַלע ווייַ־לע געבראַכט געוואָרען פרישע בערג מיט עסענוואַרג, פלייִשען און פּרוכ־טען און זיסע געבעקס, און פרישע גע־טראַנקען. און עסענדיג און טרינקענ־דיג האָבען די מענשען געהאַלטען אין איין ווינשעווען זיך איינע די אַנדערע אַל־דאָס־גוטס.

לאַרי'ס צוויי שוועגערס און זיין על־טערער ברודער, דער דראַגיסט, האָבען זיך געקענט אויסמישען סאַי מיט דעם יונגוואַרג און סאַי מיט די עלטערע געסט. און זיי האָבען זיך געפיהלט היימיש אין ביידע „לאַגערען". לאַ־רי'ס ברודער האָט געהאַט דעם זעלבען אַנבליק וואָס לאַרי אַליין — סאָליד און געזעצט. און זיין זיכערער שטיל האָט געמאַכט יענעם פיהלען, אַז מען קען זיך אויף איהם פאַרלאָזען, און אַז ער קען איינאָרדענען זאַכען, אַז אַליץ זאָל זיין גוט. ער האָט געקראָגען סימפּאַטיע צו עלינאָר'ן און אַ פּאָר מאָל האָט ער שוין פאַרפּיזדט מיט איהר אַ שמועס וועגען איהר אַרבייט אין סקול.

עלינאָר האָט באַמערקט, אַז קיין איינער פון לאַרי'ס אייגענע האָבען ביי איהר ניט פאַנאַנדערגעפרעגט וועגען איהר היים און וועגען איהר טאַטע־מאַ־מע.

„דאָס איז נאָך אויך גוט, וואָס זיי פרעגען ניט" — האָט זי אין זיך גע׳עצ־בען אַ טראַכט.

— איהר רויכערט? — האָט דער ברודער לאַרי'ס איהר געפרעגט מיט זיין גוטמוטיגען שמייכעל, און ער האָט גענעבען אַז עפען זיין זילבערנע קעס־טעלע פּאַפּיראָסען פאַר איהר.

— אַ דאַנק — האָט עלינאָר גענו־מען ביי איהם אַ פּאַפּיראָס. זי האָט פאַררויכערט און געפיהלט זיך אַבי־סעל דערפרישט.

און לאַרי, וואו ער זאָל ניט זיין און מיט וועמען ער זאָל ניט רעדען, האָט עלינאָר'ן ניט אָפּגעלאָזען פון אויג. ער האָט מיט זיין בליק אַזוי ווי געפרעגט איהר ווי זי פיהלט. און עלינאָר האָט פון דער ווייטען צוגעשמייכעלט צו איהם, ווי זי וואָלט איהם זאָגען: „איך בין אָלראַיט".

זי האָט אַפילו פאַר זיך אַליין ניט געוואָלט מודה זיין וואָס פאַר אַן אומ־רוהיגע געדאַנקען עס האָבען זיך גע־נומען וועקען אין איהר וועגען איהר געליבטען לאַרי'ן.

---

לאַרי האָט ביי די מיידלעך געהאַט אַ גוטען נאָמען. ער איז זיי געפעלען. זיין שעהנער און קרעפטיגער אויס־זעהן, זיין זיכערער שטעל, האָט צוגע־צויגען. אַ „פּוירסאָנאַליטי". לאַרי איז פון די מיידלעך ניט אַנטלאָפען. ער האָט זיך פון זיי ניט געזוייטיגט. ער איז געווען אַ נאָרמאַלע נאַטור, מיט געזונטע, נאָרמאַלע אינסטינקטען. און ער איז ניט געווען געגען אַ פלוירט צו טאָן מיט אַ מיידעל.

אויך מיט דער מיידעל ליליען האָט ער אַמאָל זיך ערלויבט אַ געוויסע נאָ־הענטקייט. ער איז אין ליליען ניט געווען פאַרליבט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זי איז ניט זיין סאָרט, ניט זיין „טאַיפּ". און אוודאי האָט זיך קיינמאָל צווישען זיי ניט גערעדט וועגען חתונה האָבען. נאָר אין דער משפּחה איז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז זיי זיינען אַ גלייכע פּאָר. אפשר וואָלט דאָס טאַקע געשעהן אַזוי און זיי וואָלטען חתונה געהאַט ווען אַליץ וואָלט געגאַנגען גלאַט. נאָר אַז ער, לאַרי, האָט עלינאָר'ן באַגעגענט און איז אַזוי שטאַרק געוואָרען אין איהר פאַרליבט, האָט ער פאַרגעסען אַן ליליען און אַן אַלעמען.

איצט, דאָ אויפ'ן אָוונט, באַגעגע־נענדיג די מיידעל ליליען אויג אויף אויג, האָט ער זיך דערפיהלט אַביסעל שולדיג אַנטקעגען איהר. ער האָט איהר אַנטוישט, און זי ווייזט דאָס ניט אַרויס. זי טראָגט ניט קיין כעס אויף איהם פאַר זיין שלעכטער האַנדלונג. דאָס איז איהם געפעלען. זי האַנדעלט ווי אַ „ספּאָרט", ליליען. און ער איז איהר פאַר דעם דאַנקבאַר געווען. און אַז ליליען איז נאָך אַמאָל צוגעקומען צו איהם, איז ער געווען צופרידען אַרויסצורעדען מיט איהר אַ פּאָר פריינטליכע ווערטער, שטעהענדיג מיט איהר אין אַ ווינקעל פון גרויסען עס־צימער.

— דו זעהסט היינט אויס זעהר גוט, ליליען — האָט לאַרי איהר געגעבען אַ קאָמפּלימענט.

— אַ, מיר פעהלט גאָרניט, איך פיהל גוט — האָט ליליען אַביסעל קאָ־קעטיש אַ דרעה געטאָן מיט איהר בלאָנדען קאָפּ און מיט איהר הויכען, פולען בוזעם.

— און דו, לאַרי? ווי געהט עס דיר מיט דיין אַרבייט?

— איך אַרבייט נאָך אַליץ שווער, אין האָספּיטאַל, אַן „אינטוירן". ווייסט דאָך.

— וואַרט. איך וועל ברענגען פון טיש וויין, וועלען מיר ביידע טרינ־קען. ווילסט?

— גוט — האָט לאַרי איינגעשטימט

— ביים טיש איז סאַי ווי צו ענג.

ליליען איז אַוועק און באַלד צוריק־געקומען מיט צוויי גלעזלעך וויין, איי־נע פאַר לאַרי'ן און איינע פאַר איהר. ליליען האָט זיך אָפּגערופען:

— פאַר דעם געזונט פאַר דיר, לאַרי, און פאַר דיין צוקונפטיגער פרוי.

— אַ דאַנק, ליליען — איז לאַרי געווען גערירט — דו ביזט אַ גוּ־ד גוירל.

ער האָט איהר אַזוי ווי געוויזען, אַז ער שאַצט־אָפּ איהר פריינדשאַפט. זיי האָבען ביידע געטרונקען דעם וויין פון די גלעזלעך. און שטעהענדיג דאָ מיט איהר אַזוי און שמועסענדיג, איז איהם דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, אַז אַליץ האָט זיך גוט איינגעאָרדענט. פון איצט־אָן וועט אַליץ אַוועק גוט. ער האָט פון דערווייטען געזעהן עלינאָר'ן זיך אָפּשטעלענדיג דאָ מיט דעם, דאָ מיט יענעם. זי נעמט ביסלעכווייז זיך דערקענען נעהענטער מיט זיין משפּחה, און דאָס איז גוט.

עלינאָר האָט צו איהם אויך פון דער־ווייטען געשמייכעלט. זי האָט אויס־געזעהן אין זיינע אויגען באַזונדערס שעהן היינט אין אָוונט, צוגעשטילט און שטימונגספול. איהם האָט זיך געדוכט, אַז זי זעהט־אויס אַפילו אי־בערגעשראָקען אַ ביסעל. דאָס איז נאַטירליך. אַזוי פיל מענשען. דאָס איז צופיל פאַר איהר. טראַכטענדיג אַזוי, האָט לאַרי געפיהלט זיין ענער־גיע שטייגען אין איהם. ער, דער־שטאַרקערער, וועט איהר אַלעמאָל קע־נען באַשיצען. יע, אַליץ האָט זיך אויס־געלאָזען גוט, האָט ער געזעהן פאַר זיך קלאָר. און דאָס האָט איהם איצט געמאַכט זעהר גוט אויפגעלעגט.

אין דעם גאַנג פון אָוונט האָט לי־ליען אויך געפּרוּווט מיט עלינאָר'ן אַליין ווערען גוט־פריינט. אָבער עלי־נאָר האָט פון איהר געוויכט, געקוקט אויף איהר פון אויבען אַראָפּ. און עס איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז ליליען האָט מעהר פאַרבראַכט מיט לאַרי'ן.

און עלינאָר האָט פאַרבראַכט מיט אַנ־דערע פון די געסט. איצט איז זי געשטאַנען מיט אַ גרופּע יונגע בחורים, וואָס זיינען נייגעריג געווען אַריינצו־ציהען איהר אין אַ שמועס, און זיי האָבען גערעדט פון קאָלעדזש, פון טע־אַטער און פון מוזיק־קאָנצערטען.

---

(ווייטערעס — מאָרגען)

---

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ● ● ● פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאר איז דאך געוואוינט געווען אויסצונעמען ביים מענערשען מין. איהר שעהנקייט איז אפשר ניט אלע־מען געפעלען, איהרע גלידער זיינען געווען צו־דין און די שטריכען פון איהר פנים צו־שארף. נאר א סך הא־בען געמוזט אומקערען דעם קאפ איהר אנצוקוקען נאכאמאל. זי האט זיך ניט געקענט פארלירען אין א „קראוד". אז זי איז אריינגעקומען אין א שטוב, איז זי געווען קענטיג. מענער האבען אין איהר געזעלשאפט געפיהלט מעהר אויפגעלעבט און מען האט פון איהר ערווארט עפעס מעהר ווי פון אנדע־רע מיידלעך.

ווען א זייטיגער מענש וואלט גע־וואלט אפשאצען עלינאר'ן און לי־ליען, וואלט ער ניט געוואוסט וועמען פון די ביידע מיידלעך איז שעהנער. ליליען איז געווען גוט פאר'ן אויג, „אפעטיטנע", מיט איהר זעהר ווייסע לייב, די פולע, אויסגערונדיגטע גלי־דער, מיט דעם רוהיגען בליק און אי־רע גרויסע, בלויע אויגען און די סך בלאנדע האר, וואס האבען כמעט פאר־שטעלט איהר שמאל שטערנדל.

עלינאר, ווידער, איז געווען פון די מעהר מאדערנע שעהנהייטען, א „היינטיגע": דינע, בויגעוודיגע גלי־דער, לענגליכע ברוינע לאקען, מיט א שימער פון גאלד אין זיי, און מיט א מאטער בלייכקייט אין איהר שמאל, לענגליך פנים; איהרע אויגען, פאר־שאטענט מיט לאנגע וויהעס, האבען געקענט אויסדריקען איהרע אלערליי געפיהלען — דא שטיפעריש־לוסטיג, דא מעלאנכאליש־צוגעשטילט. איצט האט אין איהרע אויגען זיך געזעהן דער אויסדרוק פון טראגישקייט, ווי די ליידען פון דער וועלט וואלטען זיך אפגעשפיגעלט אין זיי. דאס איז גע־ווען א פרעמדע שעהנקייט, וואס האט א סך פון די אנוועזענדע געסט גע־רייצט און פאראינטערעסירט.

שטעהענדיג דא איצט אינמיטען צוי־מער מיט א גרופע יונגוואַרג, פארטאן אין א שמועס, האט עלינאר, ווי אלע מאל, געקענט א גלאנץ־טאן מיט א שארפען ווארט, א באמערקונג, וואס זאל ווייזען איהר באזונדערע אינטע־ליגענץ. אבער זי האט איצט גע־שמועסט אהן א באזונדערען פארלאנג, דער געמיט איז איהר שווער געווען. זי האט א וואנדער־געטאן מיט די אויגען איבער'ן צימער. איהר בליק האט זיך אפגעשטעלט אין יענעם ווינ־קעל, וואו לארי מיט ליליען זיינען געשטאנען.

זי האט געזעהן ווי ליליען האט גע־טראגען די צוויי גלעזלעך וויין און ווי זיי שטעהען איצט ביידע און פאר־ברענגען און לאכען. ליליען האט זיך צוגעבויגען צו לארי'ן גאר נאהענט, ווי זי וואלט וועלען איהם איינרוימען עפעס א סוד.

„עס איז אמת, וואס שוירלי האט איהר דערצעהלט. ליליען איז א געווע־זענע כלה זיינע, א געליבטע. קיינמאל האט לארי ניט דערצעהלט איהר פון דעם, און איהר אליין איז גאר אויפ'ן זינען ניט געקומען צו פאנאנדערפרע־גען איהם וועגען זיין פארגאנגענ־הייט" — האט די פאנטאזיע ביי עלי־נאר'ן איצט שנעל געארבייט — „זיי האבען זיך ליב געהאט, אפשר נאך איצט אויך האבען זיי זיך ליב". זי דערמאנט זיך די מינוט, ווען ליליען איז אריינגעקומען אהער אין שטוב מיט קיינעם האט לארי ניט אזוי ספע־ציעל איהר באקאנט, ווי מיט את־דער ליליען. ער האט איהר אויסגעטיילט פון אלעמען. דאס ווייזט, אז זי איז פאר איהם נאך איצט אויך וויכטיג.

עלינאר האט געהאט א שטארקען פארלאנג צוצוגעהן צו זיי ביידען איצט, איבערצורייסען זייער פרעהלי־כען שמועס. זאל זיך לארי דערמא־נען, אז זי, עלינאר, עקזיסטירט נאך. נאר מיט אלע כוחות האט זי גע־פרואווט זיך באהערשען. איהר שטאלץ האט שטארק געליטען. קיינער דארף ניט וויסען וואס זי לעבט איצט דורך. זי מוז ווייזען פאר אלעמען, אז איהר איז איצט אויך פרעהליך. און ווען איינער פון די יונגע בחורים האט ביי איהר געפרעגט, צי זי וויל עפעס צו־בייסען, איז זי געווען צופרידען:

— א סענדוויטש, פליז, ברענגט מיר פון טיש. — האט זי איהם גע־זאגט.

און דערנאך עסענדיג דעם סענד־וויטש, האט זי זיך פאסמאקעוועט:

— המ... ס'איז גוט! — האט זי א לוסטיגע דעם פרעמדען בחור בא־דאנקט.

לארי איז עטליכע מאל דורך דעם אווענט צוגעגאנגען צו עלינאר'ן:

— נו, ווי פיהלסטו, סוויט? — האט ער איהר געפרעגט מיט זיין גע־וועהנליכען צערטליכען קול.

— א, פיין, פיין. איך פיהל אל־ראיט — האט איהם עלינאר יעדען מאל געענטפערט.

ער האט איהר מעהרער אנגעקוקט. געוויס האט ער געהאט א געפיהל, ווי איהר איז שווער איצט, צופיל אנ־שטרענגונג פאר איהר דער גאנצער אווענט.

— נו, דאס שווערסטע איז שוין אריבער — האט ער איהר געוואלט צוגעבען מוט.

— דו דענקסט אזוי? — האט עלי־נאר מאדנע א לאך געטאן.

— דו ביסט שוין זיכער מיד פון דעם אלעם—האט לארי צו איהר גע־רעדט מיט מיטגעפיהל.

— ניין, מיר ארט ניט — האט עלי־נאר א זאג געטאן.

זי האט ניט געוואלט מיט קיין איין ווארט ארויסווייזען איהם וואס זי לעבט־דורך און ווי זי האלט איהם פאר שולדיג. ביי זיך האט זי נאר גע־טראכט, ווי דערלעבט מען שוין, אז דער אווענט זאל אריבער, אז דאס אלץ זאל זיך שוין ענדיגען. אפשר וועט איהר דערנאך גרינגער ווערען.

אימעצער ביים גרויסען טיש האט א רוף געטאן לארי'ן און אויך עלי־נאר'ן.

— געה־צו, לארי. זיי דארפען דיך האבען — האט זי איהם געזאגט.

— און דו, עלינאר? קום אויך צו.

— ניין, איך וועל דא זיך צוזעצען א ביסעל אויף דער סאפא — האט זי זיך אפגערופען. זי האט איצט גע־וואלט פארבלייבען נאך א ווייל'ע מיט זיך אליין.

נאר פארבלייבענדיג מיט זיך אליין, האט ווידער ד'ער ווארעם פון אייפער־זוכט גענומען גריזשען איהר דאס הארץ. זי האט זיך דערפיהלט צו־רייצט, ערנידריגט און איהר געמיט איז געווען אויפגעברויזט. אז אזוינס זאל זי גאר דארפען איבערלעבען, ווער האט זיך דאס געקענט ריכטען? לא־רי און יענע, די ליליען. עס איז ניט צו באגרייפען מיט'ן שכל. זי האט זיך געפיהלט האלב־קראנק. איהרע אויגען האבען פיבערדיג געגלאנצט. דאס גריי־נע קלייד, וואס זי איז געגאנגען אנ־געטאן, האט איהר פנים נאך בלייכער געמאכט אויסזעהן. זי האט א פאר מאל זיך אויפגעהויבען, אוועקגעזעצט זיך צוריק. זי האט אויסגעזעהן ווי א ווייטע, א ניט־דאאיגע.

עס זיינען אלע ווייל'ע צו איהר צו־געגאנגען מענשען אלערליי. זי האט מיט זיי געשמועסט, פארבראכט, גע־רעדט פון ברוקלין און פון די בראנקס, פון וואנען זי קומט. זי האט גע־שפאסט און מיטגעלאכט מיט אלע־מען. נאר אין דער זעלבער צייט איז אינעווייניג אין איהר אנגעגאנגען אן אנדער לעבען. עס האט גענאגט ביים הארצען, עס האט געפלייצט איבער איהר אן אומרוהיגקייט, ווי אן אונ־טערערדישער מורמלענדיגער וואַ־סערל, וואס זוכט זיך ארויסצורייסען אויף דער אויבערפלאך. זי האט בסדר זיך געדארפט פארשטעלען מיט א מאסקע פון פרעהליכקייט.

נאך גוט, וואס די יונגע שוירלי, לארי'ס שוועסטער, איז איהר יעדען מאל געקומען צו־הילף. שוירלי איז געווען פארליבט אין עלינאר'ן און זי איז איהר נאכגעגאנגען די טריט. איצ־טער האבען זיי ביידע זיך צוגעזעצט אויף א סאפקעלע.

— איך וועל אייך רופען עלינאר, איהר ווילט? — האט שוירלי איהר געקוקט אין די אויגען.

— יעס, שוירלי. דו ביזט א וואויל מיידעל — האט עלינאר איהר גע־גלעט פאר דער האנט.

— איהר וועט איצט אפט צו אונז קומען, ניט אזוי, מיס, עלינאר?

— יע, זיכער, שוירלי. ווייסטו וואס, ברענג מיר א גלעזעלע וויין פון טיש.

— „וויטה פלעזשור!" — האט שוירלי אויסגערופען, און זי איז גע־פלויגען אויספירען עלינאר'ס פאר־לאנג.

זיך אנטרינקען, פארגעסען, פאר־טרייבען פון זיך די מעלאנכאלישע שטימונג, וואס האט איצט איבער איהר געהערשט, אזא פארלאנג האט זי איצט געהאט, עלינאר.

(פאָרטזעצונג מאָרגען)

# פון פאָלק צום פאָלק

## אַ דאַנק דעם „פאָרווערטס" און דער ליבעראַל פאַרטי

חשוב'ער רעדאקטאר: —

איך בין איינער פון די, וועלכע קריגען הילף פאר בלינדע. מיין פרוי קריגט רעליף. מיט עטליכע מאנאטען צוריק האב איך געקראגען 79 דאלאר א מאנאט. איצט האט מען אראפגע־נומען אזוי פיל, אז איך קריג בלויז 56 דאלאר א מאנאט. מיט די 56 דא־לאר דארף איך לעבען א גאנצען מא־נאט, צאלען פאר רענט, עלעקטריק און געז און קליידער, און איך דארף נאך פון די זעלבע געלט קויפען יעדען מא־נאט בעטערים פאר מיין הירינג עיד, ווייל איך בין טויב און בלינד. פרעג איך אייך, ליבער רעדאקטאר, ווי קען איך לעבען מיט אזא קליינעם איינ־קונפט? ווי אזוי לאזט מען דאס אין אזא רייכען לאנד, די רייכסטע אין דער וועלט, מענשען צו ליידען נויט?

אין „פארווערטס" פון זונטאג, דעם 5טען פעברואר, איז געווען געמעלדעט, אז די ליבעראל פארטי געהט זיך אנ־נעמען פאר אונז, אז מיר זאלען קריגען צוריק דאס וואס מ'האט ארונטערגע־נומען פון אונז. ווען מיין פרוי האט פארגעלייענט פאר מיר די נייעס, האב איך געזאגט צו מיין פרוי: דו זעהסט, מיר זיינען ניט עלענט, מיר זיינען ניט אליין. עס איז דא א פארטיי וואס פאדערט פאר אונז גערעכטיגקייט, און דאס איז די ליבעראל פארטי. מיין וואונש צו אייך, מיין וואונש צו דער ליבעראל פארטי איז, אז גאט זאל העלפען, אז איר אלע זאלט זיין געזונט פאר דער הייליגער ארבייט.

דאס שרייבט א בלינדער מיט יענעמ'ס הילף.

לעבען זאל דער „פארווערטס"! לע־בען זאל די ליבעראל פארטי! און לאנג לעבען זאל דער טייערער רע־דאקטאר פון אונזען ליבען „פאר־ווערטס", אייב קאהאן!

הערי קראל,
בראנקס, נ. י.

## אַ גערעכטע טענה

חשוב'ער רעדאקטאר!

איך וויל אויסדריקען מיין פראַ־טעסט געגען נארישע, אומגעלומ־פערטע אויסדרוקען אין אונזערע טעא־טער פארשטעלונגען. איך בין געווען לעצטען פרייטאג נאכט מיט מיין פרוי אין קלינטאן טעאטער, וואו מרים קרעסין און סימאר רעכטצייט האבען אויפגעפיהרט די פיעסע „אנא לוקאס־טא". מיין פרוי האט זיך געפיהלט זעהר געקרענקט, וואס דער טעאטער איז געווען ווייניג באזוכט. זי זאגט צו מיר: עס איז א רחמנות אויף די מענשען, איך מיין די אידישע אקטיא־רען און די אונטערנעמער. עס קאסט אזוי פיל געלט עקספענסעס און עס קומען אזוי ווייניג מענשען. אבער מיר אליין האבען אויך באדויערט וואס מיר זיינען דארט געווען. ניט ווייל מיר האבען ניט געגליכען די שאו, נאר דאס אפלאכען פון גאט. אויף איין פלאץ האט דער בארעבאנשטשיק געגע־בען א שטארקען קלאפ אין זיין בא־ראבאן, און אן אקטיאר האט געגעבען א שפרונג־אויף א דערשראקענער מיט די ווערטער: „איך האבע זיך דער־שראקען, איך האבע געמיינט דאס גאט איז ארויסגעפאלען פון בעט".

צו וואס דארף מען אזעלכע נארישע וויצען? לעבען מיר איז געזעסען אן עלטער פאר־פאלק. זיינען זיי געווען אזוי ענטריסטעט, אז זיי זיינען באלד איועק. ווארום זאלען אזעלכע אויס־דרוקען געמאכט ווערען? ווארום זא־לען אידישע אקטיארען זיך ניט רעכע־נען מיט דעם פובליקום, ספעציעל אין קלינטאן טעאטער, וואו 90 פראצענט פון די באזוכער זיינען עלטערע מענ־שען, געקומען פון אייראפע, און וועל־כע זיינען רעליגיעז? ביי אנדערע פעל־קער וועט מען אזעלכע נארישע בא־מערקונגען געגען גאט ניט מאכען.

וו. ראף,
102 קלינטאן סטריט,
ניו יארק, נ. י.

## וועגען צייט־פאַרטרייב פאַר עלטערע מענשען

ווערטער רעדאקטאר: —

ערלויבט מיר צו זאגען א פאר ווער־טער וועגען דער פראגע, וואס זאלען עלטערע מענשען טאן מיט זייער פרייער צייט. די אלע עצות צו געהן צוגאסט, געהן צו מיטינגען, העלפען דער ווייב אין הויז־ארבייט אדער געהן אין שוהל — דענק איך ניט, אז דאס וועט פארענטפערען די פראגע. מען קען דאך ניט געהן אלע טאג צוגאסט, אלע טעג צו מיטינגען, מ'קען דאך ניט זיצען א גאנצען טאג און העלפען דער ווייב. דאס קען ניט פארנעמען די צייט פון זיבען טעג אלע וואך. איך בין געווען דעם זונטאג באזוכען א באקאנטען מיינעם, וועלכער איז שוין א סך יאהרען אין א אידישער האום. ער האט מיך געבעטען, אז איך זאל פון איצט אן קומען איהם באזוכען אפטער, ווייל זיינע קינדער האבען גע־מופט און זיי קענען ניט קומען אפט. „אמת, — האט ער געזאגט, — מיינע הענט, מיינע פיס, מיינע אויגען זיינען ארויס אין סטרייק, זיי ווילען מעהר ניט ארבייטען פאר מיר, אבער מיין שכל ארבייט. איך וויל וויסען וואס עס הערט זיך מיט אונזער פאלק און וואס עס הערט זיך אויף דער וועלט. איז אלע וואך קענען מיינע קינדער ניט קומען, ווייל איך, אז איהר זאלט קומען און לייענען פאר מיר די פעי־פערס. איך לייען שוין דעם „פאר־ווערטס" 49 יאהר. איך באקום דעם „פארווערטס" יעדען טאג, אבער מיינע אויגען סטרייקען מיט מיר, פיהל איך זיך זעהר עלענט."

איך האב איהם צוגעזאגט, אז איך וועל קומען, אבער ער איז ניט איינער. עס זיינען דא א סך האומס און עס ליגען דארטען א סך עלענדע מענשען. די קינדער קענען ניט קומען אדער זיי ווילען ניט קומען, פיהלען זיי זיך זעהר עלענט און זיי האבען צייט צו קלערען וואס פון זיי איז געווארען. דארום איז מיין עצה צו די „ריטאיערטע" מענ־שען: געהט אין די האומס, לייענט פאר זיי צייטונגען, לייענט פאר זיי ביכער. איר וועט ניט דארפען דאגה'ן וואס צו טאן מיט אייער לעדיגער צייט און איר וועט זיי געבען ווייניגער צייט צו קלערען וואס פון זיי איז גע־ווארען. עס זיינען אויך דא גענוג האספיטאלס, וואו עס ליגען עלענדע קראנקע מענשען, וואס קיינער קומט זיי ניט באזוכען. געהט אהין, פאר־טרייבט זייערע געדאנקען וועגען זייער קראנק און וועגען זייער עלענט.

י. ס., ברוקלין.

## קאָמוניסטען באַשולדיגען אַנדערע אין מסירה

ווערטער רעדאקטאר!

צופעליג איז מיר אריינגעפאלען אין האנט א „מארגען־פרייהייט" פון דעם 11טען מערץ. „פרייהייט" רופט אז מר. ראגאף'ן א „מסור", א „פראוואַ־קאטאר", ווייל ער האט געשריבען אין „פארווערטס" אז די ארדען־שולען זיי־נען קאמוניסטיש. איך גלויב, אז די חוצפה, ספעציעל פון די אידישע קא־מוניסטען, שטייגט שוין אריבער אלץ. אז מען שפייט זיי אין פנים, זאגען זיי — עס געהט א רעגען.

די גאנצע קאמוניסטישע תורה פון דעם רבי'ן סטאלין איז געבויט אויף מסר'ן. אין די סאוועטישע שולען לערענט מען די קינדער, אז זיי זאלען זיך צוהערען צו דעם וואס זייערע עלטערן רעדען און דערנאך דערצעה־לען זייערע לערער. מיט וואס ציי־כענט זיך אויס א סאוועטישער ביר־גער? וואס מער קרבנות ער ברענגט מיט זיין מסר'ן, אלץ העכער שטייגט ער. ביים הים־טשעמבערס טראיעל האט טשעמבערס זיך מודה געווען, אז זייענדיג א קאמוניסט האט ער געזאגט ליגען און געשווארען פאלש, ווייל ער האט דאן געגלויבט אין דער קאמוניס־טיש־סטאליניסטישער תורה, וואס זאגט אז אלץ איז כשר — זאגען ליגען, שווערען פאלש, און אפילו הרג'ענען א מענשען. דער צוועק הייליגט דעם מיטעל. מיט רעכט דארף די „פריי־הייט" זיין בייז־פארוואס מר. ראגאף האט געזאגט דעם אמת, ווייל זאגען אמת איז געגען דעם פרינציפ פון דער קאמוניסטיש־סטאליניסטישער תורה.

איסר גרינשפאן,
255 ראלף עוועניו,
ברוקלין, נ. י.

# שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

## פסח־פייערונג אין ש"ע טאג־שול

היינט, פרייטאג, דעם 31טען מערץ, 11:30 בייטאג, וועלען די תלמידים פון דער שלום עליכם טאג־שול דורכפירען א פסח־פייערונג, אין 2127 82טע סטריט, ברוקלין. אלע עלטע־רען זיינען געלאדען.

### שול 21

דינסטאג, דעם 4טען אפריל, וועט אין לאקאל פון שול 7, 286 האבארט סטריט, פערט עמבאי, פארקומען א דריטער סדר. עס באטייליגען זיך: מיכל געלבארט, די זינגערין פרענסיס דינער־שטיין און די תלמידים פון שול.

### טעאַטער צוזאַמענקונפט

די שלום עליכם פרויען וועלען האבען א טעאטער צוזאמענקום מיטוואך אווענט, דעם 5טען אפריל, ביי דער פיעסע „מעמבער אוו דהי וועדינג", עמפאיר טעאטער.

### שול 7

פרייטאג, דעם 7טען אפריל, 9 אווענט, וועט אין שול לאקאל, 3301 בעינברידזש עוועניו, בראנקס, פארקומען א פסח פייערונג. די יו־גענטליכע וואס האבען גראדואירט די שול וועלען דורכפירען די פראגראם.

### שול 2

זונטאג, דעם 9טען אפריל, 5 אווענט, וועט אין שול לאקאל, 880 איסט 180טע סטריט, בראנקס, פארקומען א דריטער סדר.

### אין ש"ע מיטעלשול

דער יום טוב פסח וועט געפייערט ווערען פון די מיטלשול תלמידים, שבת, דעם 8טען אפריל, 11 אזייגער, אין דער פריה, אין וואַ־שינגטאן־אווירווינג האי־סקול.

### פּעדאַגאָגישע קאָנפערענץ פון שלום עליכם שולען

די פעדאגאגישע קאנפערענץ פון די שלום עליכם שולען וועט פארקומען א גאנצען טאג פרייטאג, חול המועד פסח, דעם 7טען אפריל. אויף דער טאג־ארדנונג שטעהען פארשידענע פראגען.

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

## צוויי-און-צוואנציגסטער קאפיטעל

די יונגוואַרג, די בחורים און די מיידלעך, האבען לאנג ביים גרויסען טיש זיך ניט פארהאלטען. דער צימער, די דאַינינג-רום איז געווען פאר זיי צו-ענג, און זיי האבען צעשפענט די פאר גלעזערנע טירען, וואס האבען געפיהרט צו אן אנדער צימער, צום „סאן-פארלאר". דא, אין סאן-פארלאר, איז געווען קאלט, נאר זיי האבען עס אנגעווארימט מיט זייער יוגענט און מיט זייער פרעהליכקייט.

דא האט זיך אויך געפונען די ראדיא און א גראמאפאן מיט אלערליי רעקארדס. מען האט אנגעשטעלט צו שפילען א וואלץ און באלד האבען זיך געבילדעט פארלעך און מען האט זיך אוועקגעלאזען אין א טאנץ. עלינאר און לארי האבען אויך געטאנצט. עלינאר האט זיך געדרעהט איבער'ן צימער, ווי אין חלום. און אין א ווייל'ע ארום האבען זיי זיך אפגעשטעלט. לארי האט ניט פארפעהלט צו באמערקען, ווי זי איז איצט נאך מעהר צוגעשטילט ווי אין אנהויב אווענט, און ער האט זיך געהאלטען נאהענט לעבען איהר.

עס איז צו זיי צוגעגאנגען ליליען מיט איהר פרעהליכען שמייכעל אויפ'ן פנים.

— וואס פאר א פיינער אווענט — האט זי זיי געזאגט — איך האב שוין לאנג אזוי גוט ניט פארבראכט.

עלינאר איז איצט ווידער געווען פנים-לפנים מיט אט-דער מיידעל, וואס צוליב איהר פיהלט זי זיך היינט אזוי צובראכען. ביידע מיידלעך האבען זיך א ווייל'ע אנגעקוקט, ווי נאר צוויי פרויען-קאנקורענטקעס קענען זיך אנקוקען. זיי האבען אזוי ווי שטודירט איינע די אנדערע. עלינאר האט נאר פאר זיך געזעהן א ליאלקע-פנים, אין וועלכען עס זיינען ארייננגעשטעלט א פאר אויגען — צוויי בלויע פייערלעך.

— פארוואס טאנצסטו ניט, ליליען? — האט לארי ביי איהר געפרעגט.

— איך האב ניט מיט וועמען — האט ליליען קאקעטיש פאר איהם זיך א דרעה-געטאן.

— געה, טאנץ דו מיט איהר, לארי — האט עלינאר אליין איהם פארגעלעגט.

קאם אן, ביג באי! — האט ליליען א פרעהליכע איהם א שלעפ-געטאן פאר א האנט.

אבער לארי האט זיך אפגעזאגט פון טאנצען און ער איז פארבליבען מיט עלינאר'ן. ליליען איז פון זיי אפגעטראטען. אבער דער אומעט איבער עלינאר'ן איז נאך אלץ געהאנגען ווי א כמארע. ליליען איז איינע פון זיי, זי איז פון זייער סארט.

עס איז עלינאר'ן מיטאמאל איינגעפאלען א געדאנק: וואס טוט זי דא? זי איז אריינגעפאלען אין א משפחה פון פראסטע מענשען. זיי וועלען איהר קיינמאל ניט פארשטעהן. זי, עלינאר, האט דאך אין הארצען ביי זיך אלעמאל געטראכט, אז זי איז מיט עפעס אנדערש, העכער פון א סך אנדערע מיידלעך. און איצט, דא אויפ'ן אווענט, האט זיך אוודאי איהר געדאכט, אז זי דארף זיך האלטען העכער, בעסער פון זיי אלעמען.

— איך האב גארניט געדענקט, אז עס וועלען היינט דא זיין אזויפיל מענשען — האט לארי איהר געזאגט, האבענדיג אן אהנונג, אז דאס מאכט איהר פיהלען ניט באקוועם.

— פארוואס ניט? ס'איז אינטערעסאנט — האט עלינאר זיך אפגערופען, אבי נאר עפעס צו זאגען. זי האט ניט געקענט דערצעהלען איהם וואס זי לעבט איצט דורך.

די ראדיא האט הויך געשפילט און די יונגוואַרג האט זיך געדרעהט אין מיטען צימער, געטאנצט מיט געמאסטענע, גראציעזע טריט. דא און דארטען האט א בחור און א מיידעל זיך אפגעגעבען מיט לייכטען פלירט. אין איין ווינקעל האט א גרופע יונגוואַרג היים צווישען זיך געשמועסט וועגען מואוויס, וועגען בעיזבאל.

ארום דעם גרויסען טיש אין דאינינג-רום זיינען געזעסען די טאטעס-מאמעס פון אט-דער יונגוואַרג. זיי האבען שוין מעהר ניט געגעסען און ניט געטרונקען. זיי האבען איצט אויסגעקוקט עפעס ווי איינגעשרומפען, קלענער, אנטקעגען זייערע קינדער, וואס האבען זיי פארטונקעלט, געלאזען זיי אין שאטען. און עס האט זיך זיי כמעט ניט געגלויבט, אז זיי האבען דאס אויסגעהאדעוועט אזעלכע שעהנע, צעוואקסענע מיידלעך און בחורים, ווי די ריזען, אזעלכע צעשפילטע און פרעהליך-לוסטיג.

ניט-ווילענדיג האט דא, ביים טיש, דער שמועס זיך פארקירעוועט צו יענע ערשטע יאהרען דא אין לאנד — די ביטערע צייטען, דאס שווערע לעבען, וואס מען האט געדארפט דורכגעהן, און ווי זיי האבען אלץ געטאן, פון זיך אפגעריסען, אבי די קינדער זייערע זאלען האבען א מעהר-געזיכערטען לעבען, ווי זיי אליין האבען געהאט.

און איצט קוקען זיי מיט ליכטיגע אויגען, די אלטע טאטע-מאמע, און זיי פיהלען זיך שטאלץ; זיי האבען ארויסגעפירט זייערע קינדער אין דער ברייטער וועלט, געשיקט זיי לערנען אין די קאלעדזשעס. און די קינדער, מיט זייערע שארפע, אידישע קעפ, זיינען אומעטום די ערשטע אויפ'ן צעטעל מיט אויסצייכענונגען פאר זייערע גרויסע פעהיגקייטען.

און דער שמועס דא, ביים טיש, איז איצט א שטילער און אן איינגעהאלטענער. און אי עס איז זיי גוט, די טאטע-מאמע, און אי עס טוט זיי עפעס אזוי באנג... וואס ווייסען זיי, די יונגוואַרג, פון דארפען אויפהויבען זיך פון די איינגעזעסענע ערטער און וואנדערען פון איין לאנד אין אנדערע, פון פרובירען זיך איבערפלאנצען, אריינפאסען זיך אין דעם נייעם לאנד.

— יע, פאר זיי איז אלץ פשוט און קלאר — האט אימעצער פון זיי זיך אפגערופען — מיר האבען שוין פאר זיי אויסגעטראטען א וועג.

איינער פון די עלטערע געסט, דער פעטער נחום, איז מיט עפעס ניט געווען צופרידען. דער פעטער נחום האט אליין זיך גערעכענט פאר א וועלטליכען מענשען. ער האט אריינגעקוקט אין אן ענגלישער צייטונג און ער האט געהאט זיינע אייגענע אינטערעסען און כלל-ענינים, און אלץ, וואס האט צו טאן מיט גייסטיגקייט, האט איהם אינטערעסירט.

א צעווארימטער פון דעם אויסגעטרונקענעם וויין, האט ער איצט זיך אראפגערעדט פון הארצען.

— אט, נעמט מיך — האט ער אנגעהויבען — כ'האב אפגעארבייט א לעבען. איך געדענק ניט איין טאג, אז איך זאל האבען דורכגעלאזען א טאג אין שאפ...

ער האט זיך ניט געפיהלט מיד, דער פעטער נחום. אבער גרויסע ספקות האבען איהם ארומגענומען וועגען זיינע קינדער, און דאס הארץ איז איהם געווען באשווערט.

— אונזערע קינדער ווייסען פון אלץ — קאלעדזשעס, מוזיק און וואס ניט, אבער וואס ווייסען זיי פון אונזער לעבען? פון אונזערע געדאנקען? דעם טאטענ'ס מיינונגען, זיינע אינטערעסען איז פאר זיי א פרעמדע וועלט.

— דאס רעדט אין דיר די עלטער, אנקעל נחום — האט לארי'ס ברודער, דער דראגיסט, איהם געזאגט.

ער, לארי'ס ברודער, האט זיך איינגעהערט צום שמועס און איהם האט זיך געגלוסט מיט איהם א רייץ צו טאן זיך. אבער דער פעטער נחום האט אזוי גיך זיך ניט איינגעשטילט.

— אונזערע קינדער נעמען אלץ אן פאר גוט, וואס טאטע-מאמע טוען פאר זיי, און געבען צוריק זיי גארניט — האט דער פעטער נחום ווייטער זיך געהיצט — קיין שום רעספעקט זעהט מען ניט פון זיי. זיי ווייסען דאך בעסער, א קליינינגקייט? זיי זיינען צו-ווייט אוועק פון אונז, אפגעפרעמדט זיינען זיי געווארען פון אונז, און גאר.

דער אלטער נעיטען פינקעלשטיין, לארי'ס טאטע, איז שוין אויך געווען א היבש ביסעל צעווארעמט פון די פאר גלעזלעך וויין, וואס ער האט אויסגעטרונקען, און פון דער גאנצער היינטיגער שמחה. זיין בלייך, אפגעצערט פנים האט ביי די שפיץ-באקען זיך פארראיטעלט, און זיינע מוטנע אויגען האבען איצט ליכטיג געשיינט. ער האט דערווידערט דעם פעטער נחום:

— איין זאך קען איך זאגען, מיין לארי איז ניט אזוי. ער האט רעספעקט און האלט זיך, חלילה, ניט אפגעפרעמדט פון אונז...

— נו, וועגען לארי'ן איז דאך שוין אפגערעדט. ניטא קיין סך אזעלכע ווי ער — האט אימעצער אריינגעווארפען א ווארט, און אלע האבען מיט יענעם איינגעשטימט.

כדי זיך צו טרייסטען, האט דער פעטער נחום זיך אנגעגאסען נאך א גלעזעל וויין.

— לחיים, אידען! — האט ער אויסגערופען. און אלע האבען נאכגעטאן דאס זעלבע.

און אין אן אנדער ווינקעל פון שטוב, אין דער יונגער שורלי'ס צימער, האבען דא איצט עטליכע מיידלעך זיך פארקליבען, צו „פיקסען" ביים שפיגעל זייער טואלעט. אויף דער בעט זיינען געווען אנגעווארפען די אלערליי מאנטלען פון די געסט, און אויף אן אויפגעשטעלטער בעטעל זיינען געשלאפען די צוויי יונגע קינדער פון לארי'ס ברודער און זיין ווייב הענריעטא.

(פארטזעצונג מארגען)



# פון פאלק צום פאלק

## קאמוניסטען באשולדיגען אנדערע אין מסירה

ווערטער רעדאקטאר!

צופעליג איז מיר אריינגעפאלען אין האנט א „מארגען-פרייהייט" פון דעם 11טען מערץ. „פרייהייט" רופט אן מר. ראגאפ'ן א „מסור", א „פראוואקאטאר", ווייל ער האט געשריבען אין „פארווערטס" אז די ארדען-שולען זיינען קאמוניסטישע. איך גלויב, אז די חוצפה, ספעציעל פון די אידישע קאמוניסטען, שטייגט שוין אריבער אלץ. אז מען שפייט זיי אין פנים, זאגען זיי — עס געהט א רעגען.

די גאנצע קאמוניסטישע תורה פון דעם רבי'ן סטאלין איז געבויט אויף מסר'ן. אין די סאוועטישע שולען לערענט מען די קינדער, אז זיי זאלען זיך צוהערען צו דעם וואס זייערע עלטערן רעדען און דערנאך דערצעהלען זייערע לערער. מיט וואס צייכענט זיך אוים א סאוועטישער בירגער? וואס מער קרבנות ער ברענגט מיט זיין מסר'ן, אלץ העכער שטייגט ער. ביים היס-טשעמבערס טראיעל האט טשעמבערס זיך מודה געווען, אז זייענדיג א קאמוניסט האט ער געזאגט ליגען און געשווארען פאלש, ווייל ער האט דאן געגלויבט אין דער קאמוניסטיש-סטאליניסטישער תורה, וואס זאגט אז אלץ איז כשר — זאגען ליגען, שווערען פאלש, און אפילו הרג'ענען א מענשען. דער צוועק הייליגט דעם מיטעל. מיט רעכט דארף די „פרייהייט" זיין בייז פארוואס מר. ראגאף האט געזאגט דעם אמת, ווייל זאגען אמת איז קעגען דעם פרינציפ פון דער קאמוניסטיש-סטאליניסטישער תורה.

איסר גרינשפאן,
255 ראלף עוועניו,
ברוקלין, נ. י.

## א דאנק דעם „פארווערטס" און דער ליבעראל פארטי

חשוב'ער רעדאקטאר: —

איך בין איינער פון די, וועלכע קריגען הילף פאר בלינדע. מיין פרוי קריגט רעליף. מיט עטליכע מאנאטען צוריק האב איך געקראגען 79 דאלאר א מאנאט. איצט האט מען אראפגענומען אזוי פיל, אז איך קריג בלויז 56 דאלאר א מאנאט. מיט די 56 דאלאר דארף איך לעבען א גאנצען מאנאט, צאלען פאר רענט, עלעקטריק און געז און קליידער, און איך דארף נאך פון די זעלבע געלט קויפען יעדען מאנאט בעטערים פאר מיין הירינג עיד, ווייל איך בין טויב און בלינד. פרעג איך אייך, ליבער רעדאקטאר, ווי קען איך לעבען מיט אזא קליינעם איינקונפט? ווי אזוי לאזט מען דאס אין אזא רייכען לאנד, די רייכסטע אין דער וועלט, מענשען צו ליידען נויט?

אין „פארווערטס" פון זונטאג, דעם 5טען פעברואר, איז געווען געמעלדעט, אז די ליבעראל פארטי געהט זיך אננעמען פאר אונז, אז מיר זאלען קריגען צוריק דאס וואס מ'האט ארונטערגענומען פון אונז. ווען מיין פרוי האט פארגעלייענט פאר מיר די נייעס, האב איך געזאגט צו מיין פרוי: דו זעהסט, מיר זיינען ניט עלענט, מיר זיינען ניט אליין. עס איז דא א פארטיי וואס פאדערט פאר אונז גערעכטיגקייט, און דאס איז די ליבעראל פארטי. מיין וואונש צו אייך, מיין וואונש צו דער ליבעראל פארטי איז, אז גאט זאל העלפען, אז איר אלע זאלט זיין געזונט פאר דער הייליגער ארבייט.

דאס שרייבט א בלינדער מיט יענעמ'ס הילף.

לעבען זאל דער „פארווערטס"! לעבען זאל די ליבעראל פארטי! און לאנג לעבען זאל דער טייערער רעדאקטאר פון אונזען ליבען „פארווערטס", אייב קאהאן!

הערי קראל,
בראנקס, נ. י.

## א גערעכטע טענה

חשוב'ער רעדאקטאר!

איך וויל אויסדריקען מיין פראטעסט געגען נארישע, אומגעלומפערטע אויסדרוקען אין אונזערע טעאטער פארשטעלונגען. איך בין געווען לעצטען פרייטאג נאכט מיט מיין פרוי אין קלינטאן טעאטער, וואו מרים קרעסין און סימאר רעכטצייט האבען אויפגעפיהרט די פיעסע „אנא לוקאסטא". מיין פרוי האט זיך געפיהלט זעהר געקרענקט, וואס דער טעאטער איז געווען ווייניג באזוכט. זי זאגט צו מיר: עס איז א רחמנות אויף די מענשען, איך מיין די אידישע אקטיארען און די אונטערנעמער. עס קאסט אזוי פיל געלט עקספענסעס און עס קומען אזוי ווייניג מענשען. אבער מיר אליין האבען אויך באדויערט וואס מיר זיינען דארט געווען. ניט ווייל מיר האבען ניט געגליכען די שאו, נאר דאס אפלאכען פון גאט. אויף איין פלאץ האט דער בארבאנטשיק געגעבען א שטארקען קלאפ אין זיין באראבאן, און אן אקטיאר האט געגעבען א שפרונג-אויף א דערשראקענער מיט די ווערטער: „איך האבע זיך דערשראקען, איך האבע געמיינט דאס גאט איז ארויסגעפאלען פון בעט".

צו וואס דארף מען אזעלכע נארישע וויצען? לעבען מיר איז געזעסען אן עלטער פאר-פאלק. זיינען זיי געווען אזוי ענטריסטעט, אז זיי זיינען באלד אוועק. ווארום זאלען אזעלכע אויסדרוקען געמאכט ווערען? ווארום זאלען אידישע אקטיארען זיך ניט רעכענען מיט דעם פובליקום, ספעציעל אין קלינטאן טעאטער, וואו 90 פראצענט פון די באזוכער זיינען עלטערע מענשען, געקומען פון אייראפע, און וועלכע זיינען רעליגיעז? ביי אנדערע פעלקער וועט מען אזעלכע נארישע באמערקונגען געגען גאט ניט מאכען.

וו. ראף,
102 קלינטאן סטריט,
ניו יארק, נ. י.

## וועגען צייט-פארטרייב פאר עלטערע מענשען

ווערטער רעדאקטאר: —

ערלויבט מיר צו זאגען א פאר ווערטער וועגען דער פראגע, וואס זאלען עלטערע מענשען טאן מיט זייער פרייער צייט. די אלע עצות צו געהן צוגאסט, געהן צו מיטינגען, העלפען דער ווייב אין הויז-ארבייט אדער געהן אין שוהל — דענק איך ניט, אז דאס וועט פארענטפערען די פראגע. מען קען דאך ניט געהן אלע טאג צוגאסט, אלע טעג צו מיטינגען, מ'קען דאך ניט זיצען א גאנצען טאג און העלפען דער ווייב. דאס קען ניט פארנעמען די צייט פון זיבען טעג אלע וואך. איך בין געווען דעם זונטאג באזוכען א באקאנטען מיינעם, וועלכער איז שוין א סך יאהרען אין א אידישער היים. ער האט מיך געבעטען, אז איך זאל פון איצט אן קומען איהם באזוכען אפטער, ווייל זיינע קינדער האבען געמופט און זיי קענען ניט קומען אפט. „אמת, — האט ער געזאגט, — מיינע הענט, מיינע פיס, מיינע אויגען זיינען ארויס אין סטרייק, זיי ווילען מעהר ניט ארבייטען פאר מיר, אבער מיין שכל ארבייט. איך וויל וויסען וואס עס הערט זיך מיט אונזער פאלק און וואס עס הערט זיך אויף דער וועלט. איז אלע וואך קענען מיינע קינדער ניט קומען, וויל איך, אז איהר זאלט קומען און לייענען פאר מיר די פעיפערס. איך לייען שוין דעם „פארווערטס" 49 יאהר. איך באקום דעם „פארווערטס" יעדען טאג, אבער מיינע אויגען סטרייקען מיט מיר, פיהל איך זיך זעהר עלענט."

איך האב איהם צוגעזאגט, אז איך וועל קומען, אבער ער איז ניט איינער. עס זיינען דא א סך האומס און עס ליגען דארטען א סך עלענדע מענשען. די קינדער קענען ניט קומען אדער זיי ווילען ניט קומען, פיהלען זיי זיך זעהר עלענט און זיי האבען צייט צו קלערען וואס פון זיי איז געווארען. דארום איז מיין עצה צו די „ריטאירטע" מענשען: געהט אין די האומס, לייענט פאר זיי צייטונגען, לייענט פאר זיי ביכער. איר וועט ניט דארפען דאגה'ן וואס צו טאן מיט אייער ליידיגער צייט און איר וועט זיי געבען ווייניגער צייט צו קלערען וואס פון זיי איז געווארען. עס זיינען אויך דא גענוג האספיטאלס, וואו עס ליגען עלענדע קראנקע מענשען, וואס קיינער קומט זיי ניט באזוכען. געהט אהין, פארטרייבט זייערע געדאנקען וועגען זייער קרענק און וועגען זייער עלענט.

י. ס., ברוקלין.

# אַ לעבען פון טרוזימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

•

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

די מיידלעך זיינען געשטאנען ביים שפיגעל, „צוגעפיקסט" זיך די פנים'ער מיט פודער און מיט „ליפסטיק", און צווישען זיי איז דערוויייל אנגעגאנגען א לעבעדיגער שמועס. זיי האבען גערעדט פון עלינאר'ן, לארי'ס מיידעל. ליליען איז דא אויך געווען צווישען זיי. דער כסדר'דיגער פריינד־ליכער שמייכעל, מיט וועלכען זי האט היינט אלעמען באגעגענט, איז איצט אויף איהר פנים ניט געווען. נאר זי האט זיך גוט איינגעהערט צו זייער שמועס.

די מיידלעך האבען ניט געקענט באשליסען וועגען עלינאר'ס אויסזעהן. זי איז עפעס יע שעהן און ניט שעהן. וואס אזוינס האט לארי אין איהר דערזעהן?

„איהר אנטאן זיך, איהר קלייד איז שוין צו־איינפאך, גארניט ווי א ניו יארקער".

„איך האב געהערט, זי איז א לע־רערין אין א סקול, זעהר אינטעלי־גענט".

„מען האט שוין געזעהן אזעלכע, א לערערין! אי־ווא!"

דאס איז געווען ארויסגערעדט מיט גרינגשעצונג, ווי ווילענדיג צופרידענ־שטעלען ליליען. אליין האט ליליען געשוויגען שטיל. אבער די מיידלעך האבען געוואוסט איהר הארצווהעטאג. און ווי לארי האט דאס איהר אפגע־טאן און פארביטען זי אויף אן אנדע־רער. און זיי האבען מיט איהר שטארק מיטגעפיהלט. איין מיידעל האט זיך אפגערופען:

— אז דו פרעגסט מיך, זעהט זי גאר אויס צו זיין א קראנקע; איהר פנים איז גרין און געל, ניטא קיין טראפען בלוט אין איהר פנים.

אויף דעם האט ליליען א שמייכעל געטאן מיט איהר פריינדליכען שמיי־כעל.

— קומט, מיידלעך, מיר וועלען טאנצען — האט זי, ליליען, זיך גע־לאזען געהן צו דער טיר. און אלע מיידלעך זיינען איהר נאכגעגאנגען.

דא, אין סאן־פארלאר, איז אנגע־גאנגען דער פריהעררדיגער רעש און די פרעהליכקייט. מען האט אנגע־שטעלט נייע רעקארדס. דער טאנץ האט אלעמען פארכאפט. פארלעך האבען זיך געטראגען איבער'ן צימער ווי אין א ווירבער. אפילו דער פעטער נחום האט זיך א הויב־געטאן פון טיש. ער האט א כאפ־געטאן איינע, א יונג מיידעל, און זיך אוועקגעלאזען מיט איהר איבער'ן דיל. א ווייל האט ער אזוי געהאפקעט און באלד האט ער זיך געמוזט אוועקזעצען אין א טי־פען שטול רוהען. ער האט שווער געאטעמט, אלע האבען געלאכט. און דער פעטער נחום האט זיך זעהר גע־שעמט.

עס האט זיך אזוי געמאכט, אז לארי איז איצט כסדר געווען ארומ־גערינגעלט מיט א קרייז פון די יונגע מיידלעך, מיט ליליען אינמיטען. לי־ליען האט וואס־וויייטער זיך געהאלטען מעהר קאקעטיש און ארויסרופענדיג. איהר גאנצער קערפער, מיט איהר פולען בוזים, האט שפילעוודיג וויב־רירט אנטקעגען לארי'ן. אט האט זי זיך צוגעבויגען צו איהם, ארייגגע־שושקעט איהם עפעס אין אויער, און ער האט, ניט־ווילענדיג, געלאכט. לי־ליען האט פארטונקעלט אלעמען מיט איהר פרעהליכען האלטען־זיך. עס קען זיין, אז דאס איז גאר געווען א געמאכטע פרעהליכקייט. אבער אלע־כען איז דאס געפעלען און אלע הא־בען אויך צוגעשמייכעלט.

עלינאר איז כסדר איצט געווען מיט אנדערע, ווייט פון לארי'ן. לארי'ס ברודער, דער דראגיסט, איז צוגעגאנ־גען און איינגעלאדען איהר צו א טאנץ. דערנאך האט איינער, א פרעמ־דער בחור, דאס זעלבע געטאן. אט איז איהר אויסגעקומען צו שטעהן נאהענט מיט לארי'ס א שוועסטער. און זיי האבען ארויסגערעדט צווישען זיך א פאר ווערטער. און באלד איז זי שוין געשטאנען מיט איהר גוטע־פריינט, דער יונגער שורלי'ן.

איין ווייל האט עלינאר זיך אנ־געשטויסען אויף דער אלטער מיסעס פינקעלשטיין, לארי'ס מאמע, וועלכע האט איהר ווארעם אנגענומען פאר דער האנט.

— קומט צום טיש, מיס... עלי־נאר. איהר זענט דאך אוודאי הונגע־ריג.

— איך האב דאך געגעסען מיטאג — האט עלינאר איהר אפגעענטפערט.

— יע, אבער איצט איז שוין אין אווענט. קומט, איך וועל עפעס צו־גרייטען פאר אייך א ביים.

— א דאנק, ניט איצט — האט עלינאר זיך אפגעבעטען ביי איהר — שפעטער אפשר...

עלינאר'ן האט זיך אנגעהויבען דוכ־טען, ווי זיי האבען אלע געבראכט א פארשווערונג אנטקעגען איהר. זיי האבען אזוי ווי אויפגעשטעלט א וואנט צווישען איהר און לארי'ן. די ליליען מיט איהר אומשולדיג פניםל האט דא פארקלערט א טייוועלשען שפיל. עלינאר האט אינגאנצען גע־ציטערט פון אויפרעגונג. „און לארי", האט זי א טראכט געטאן, „ער, דער קלוגער, ער פארשטעהט זיך ניט אויף זייער שפיל".

א צענויפגעצויגענע אין זיך, א בלייכע, א צעטראגענע, האט זי זיך קיין ארט ניט געפונען. זי איז ארום פון סאן־פארלאר און אריינגעגאנגען אין עס־צימער, דארטען וואו עס זיי־נען געווען איצט וועניגער מענשען. זי האט זיך אפגעשטעלט ביי א פענס־טער, מיט דעם פארלאנג צו פארבליי־בען איצט אליין מיט זיך.

---

א לאנגע ווייל איז זי אזוי געשטא־נען ביים פענסטער, פון קיינעם ניט באמערקט. זי האט פאנאנדערגענו־מען די געפרעסטע פארהאנגען און ארויסגעקוקט צו דער נאכטיגער גאס. אן אומהיימליכע שטילקייט איז דאר־טען געווען, א ווינטיגע, קאלטע נאכט. פו זאלץ האט אויף איהר געווייהעט מיט פרעמדקייט. זי האט זיך דער־פיהלט פארלאזען, אליין אין דעם רעש פון די סך מענשען דא אין הויז. עס איז אויך אויסגעקומען מארגע — צו־ליב איהר, עלינאר'ן, איז דאך היינט די גאנצע שמחה, אבער איצט האבען אלע אן איהר אזוי ווי פארגעסען.

עס האט זיך אהער צו איהר דער־טראגען דער גערויש און גרייזעריי פון די אלע מענשען. די ראדיא האט הויך געשפילט. און ביי איהר האט זיך געשטארקט דער געפיהל, אז זי איז א פרעמדע דא און אז קיינמאל וועט זי זיך ניט קענען אריינפאסען אין אט־דער גרויסער, רוישיגער משפחה. וואס טוט זי דא? זי האט געוואונשען, זי זאל שוין וואס־גיכער דאס אלץ אריבערקומען און אנטלויפען פון דאנען.

ווידער און ווידער האט זיך איך א וויז געטאן פאר די אויגען דאס בילד ווי לארי און „זי", ליליען, פארברענ־גען צוזאמען, ווי זי בויגט זיך אן צו איהם אזוי נאהענט, און פארקוקט איהם אין די אויגען, און ער, לארי, שמייכעלט אזוי צופרידען. זי זעהט פאר זיך ליליען'ס פאר אויגען. צוויי בלויע פייערלעך קוקען אויף איהר, שטעכען איהר הורץ.

זי האט זיך געפיהלט פארשעמט, עלינאר, טיף בעליידיגט. אז זי זאל גאר דארפען האבען אזעלכע געדאנקען וועגען לארי'ן און אן אנדער מיידע־ איהר ניט דערצעהלט, אז ער האט גע־האט א געליבטע ביז איהר. זאל זי איהם זאגען וואס זי טראכט וועגען איהם? — קיינמאל ניט. זי וועט זיך פאר איהם ניט דערנידעריגען. אויף דעם איז זי צו שטאלץ. זאל קומען וואס עס דארף קומען.

זי האט דערהערט איילינע טריט זיך דערנעהענטערען צו איהר. לארי איז צוגעקומען.

— אט דא געפינסטו זיך גאר, עלי־נאר — איז ער געווען פארוואונדערט — און איך האב דיר ארומגעזוכט. דו ביזט מיר פארפאלען געווארען פון אויג.

— עס איז צו היים דארטען. איך האב זיך געוואלט אביסעל אפקיהלען — האט זי איהם געזאגט.

— דו ביזט אלראיט, עלינאר? — האט ער פארשענדיג איהר פארקוקט אין די אויגען.

---

(ווייטערס — מארגען)

# איזראעל קערידא

פון דוד לערמער

(שלוס פון ליטעראטור פעידזש)

פארגלייכען צו מאקסים גארקי. אנדע־רע זעען אין איהם גיכער א נאכפאלגער פון דעם פראנצויזישען שרייבער באל־זאק.

איזראעל קערידא האט אויך געשרי־בען דראמעס, וועלכע האבען שטארק אויסגענומען אויף דער בינע — ניט ווייניגער ווי די דראמעס פון אידיש־האלענדישען שרייבער הערמאן הייער־מאנס. און אויך דא האט ער ארויס־געפירט „שטיקער לעבען פון האלענד־דישען אידענטום." זיין דראמע „אהרן לאגונא" האט א צייט שטארק איינ־גענומען. עס איז א שילדערונג פון דער סביבה פון רייכע אידען: דער קאמף צווישען יונגען און אלטען דור, צווישען פרומקייט און וועלטליכקייט — פראבלעמען, מיט וועלכע דער באַ־וואוסטזיניגער טייל פון האלענדישען אידענטום האט זיך געראנגעלט די לעצטע יארען, ערב דעם אנקום פון נאַ־ציזם.

דער פירער פון דער האלענדישער סאציאליסטישער פארטיי, טרולסטרא, האט ביי זעהן שפילען די דראמע גע־שריבען:

„מיין ליבען קערידא האב איך גע־קענט פון זיינע ראמאנען. דאס זיינען קונסט־ווערק — א הימן צו ארבייטער און גוטע מענשען. איצט זאגט מיר די דראמע, אז ער ווייטאגט אויך מיט אייגענע אידישע פראבלעמען. מען פילט גוט מיט וועלכען צד ער האלט. מיין ליבער קאמעראד איזראעל ווייסט, אז א סאציאליסט איז ניט גלייכגיל־טיג, באזונדערס אין האלאנד, צו די עטישע פראגען פון גלויבען און צו־בונד צום אפשטאם. פאר מיר איז קערידא מיט זיין אידישער דראמע נאך מער האלענדישער שריפטשטעלער — נאך שטארקער מיין פריינט!"

אבער לאמיר אויסלאזען די אנדע־רע ביכער פון קערידא און זיך אפ־שטעלען, אין איילעניש, אויף זיין לעצ־טען ראמאן, וואס קאן אויפגענומען ווערען ווי זיין ווידוי־בוך. שוין דער נאמען פון ראמאן איז סימבאליש פאר דער עפאכע. קערידא האט פארענדיגט זיין ראמאן אין 1932. ער האט פאר־אויסגעזען דעם אנקום פון שווערע טעג. ביי די לעצטע בלעטלעך פון דעם צווייטען טייל פון ראמאן האט ער אויסגעהויכט זיין לעצטען אטעם.

דער לעצטער ראמאן טראגט דעם נאמען „גאט'ס פאלק". דאס איז דער עפאס פון אידישען אמסטערדאם. אין די צוויי בענדער פון ראמאן פירט קערידא ארויס א וועלט מיט העלדען: רייכע אידען און ארימע אידען. דער רייכער און בייזער איד, דער אומגליק־ליכער, איז ביי קערידא'ן תמיד אן אשכנז'ישער איד. ער איז דער גביר, וואס איז זיך משדך מיט דעם ארימען יהושע הערעירא. הערעירא איז א פשוט'ער, ארימער, באשיידענער פעד־לער. ער איז פרום און רעדט כסדר מיט גאט. זיין זון איז שוין וועלטליך. קערידא ברענגט ארויס אין זיין ראַ־מאן נאך אנדערע טיפען אידען. א סך פון דעם וועלטעל, פילט מען, האט קערידא ניט ליב געהאט. עס איז אבער געווען זיין וועלט. ער האט געאטעמט מיט איר. אים איז ניט מעגליך געווען איר צו פארלאזען. אין דעם קאמף צווישען די פרומע אידען און ניט ניט־פרומע פילט מען כסדר, אז קערידא איז מיט'ן צד, ווי ער רופט, פון „אייגען איד" — מיט דעם פרומען איד. דער ערשטער באנד פון דעם ראמאן „גאט'ס פאלק" איז דאס פרומסטע בוך פון איזראעל קערידא. זיינע „אל־טע אידען" און „צוריקגעקומענע אי־דען" אין ראמאן ווארענען כסדר די „אפגעפרייטע":

דערוואיטערונג פון אמונה פירט לסוף צו אונטערגאנג. איר ווייסט גאר ניט ווי שטארק די שוין־אויסגעלייזטע וועלט וועט זיך נויטיגען אין אידען!

דעם „דילעטאנט" איזראעל קערי־דא האט מען רעספעקטירט אין א סך קרייזען פון אייראפע. ער איז געווארען דער באקאנטסטער האלענ־דישער שרייבער מחוץ האלאנד. ווען ער האט אין 1928 אנגעהויבען ארויס־געבען זיין זשורנאל „איצט", האבען דארט זיך געריסען מיטצוארבייטען די אנגעזעהענסטע שריפטשטעלער, וויסענ־שאפטלער און סאציאליסטען פון איי־ראפע. אין דעם זשורנאל האט קערידא אליין פארעפענטליכט א גרויסע צאל עסייען. זיינע א גרעסערע ארבייט דארט איז געווען וועגען שפינאזא'ן. דארט פילט זיך שוין דער אפאלאגע־טישער טאן וועגען אידען. עס איז גע־ווען די צייט ווען ער האט זיך גע־גרייט שרייבען זיין „גאט'ס פאלק". אין צו מערקען איז אויך זיין ליבע צו האלאנד — דאס לאנד פון ברייטסטע פרייהייטען.

היסטאריקער וואס וועלען פארשען דאס לעבען פון אומגעקומענעם אידי־שען ישוב אין האלאנד וועלען אין איזראעל קערידא'ס ביכער געפינען א וועלט מיט ידיעות.

# דער בום אויף וואל סטריט און די גרויסע צאהל ארבייטסלאזע

פון לעאן קרישטאל

(שלוס פון פעידזש 4, סעקשאן 2)

סטריעלע און אנדערע אונטערנעמונ־גען.

אבער וואס זיינען „נארמאלע אומ־שטענדען"?

איז עס נארמאל, אז אין א לאנד ווי אמעריקע זאלען זיין צווישען פיר און פינף מיליאן ארבייטסלאזע? דאס איז איצט דער פאל דא אין לאנד.

די ציפערען פון דער צענזוס־ביורא ציינגען, אז אין מיטען פעברואר זיינען אין אמעריקע געווען 4 מיליאן מיט 684 טויזענט ארבייטסלאזע. די צאל ארבייטס־פעהיגע מענשען אין אמע־ריקע איז איצט 61 מיליאן מיט 637 טויזענט. דאס מיינט, אז איינער פון יעדע 14 ארבייטס־פעהיגע מענשען אין לאנד איז ארבייטסלאז.

דאס איז דער אלגעמיינער חשבון פאר'ן גאנצען לאנד. אין איינגע סטעיטס איז דער פראצענט ארבייטס־לאזע גרעסער, אין אנדערע—קלענער. דערביי איז מערקווירדיג דער פאקט, אז זעהר א סך פון די דאזיגע אר־בייטסלאזע זיינען ארבייטסלאז א לאנ־גע צייט. דאס קען מען זעהן דערפון, וואס איבער'ן גאנצען לאנד האבען שוין צוויי מיליאן ארבייטער איינגע־קאלעקטעד די פולע צאל וואכען אר־בייטסלאזיגקייט־אינשורענס צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיגט אין איין יאר צייט און 800 טויזענט פון די צוויי מיליאן האבען אלץ נ"ט קיין ארבייט.

אין ניו יארק סטעיט אליין האבען שוין 160 טויזענט ארבייטסלאזע האי־יאר באקומען אויסגעצאלט די גאנ־צע ארבייטסלאזיגקייט־אינשורענס צו וועלכער זיי זיינען בארעכטיגט.

די דאזיגע ציפערען פון אויסגעצאל־טע ארבייטסלאזיגקייט־אינשורענס מא־כען א שטארקען איינדרוק. אבער עס איז דא א שטיקעל טרייסט דערביי. ס'איז א באקאנטער פאקט, אז צווי־שען די וואס קריגען יעדעס יאר אר־בייטסלאזיגקייט־אינשורענס איז דא א באדייטענדע צאל — ספעציעל פרויען — וואס ארבייטען יעדעס יאר בלויז א שטיקעל צייט ניט ווייל זיי דאר־פען ארבייטען, נאר ווייל זיי ווילען קריגען די בענעפיטס פון ארבייטסלא־זיגקייט־אינשורענס.

אבער ס'איז טאקע ניט מעהר ווי א קליינע טרייסט. די פראבלעם פון ארבייטסלאזיגקייט אין לאנד הויבט ווידער אן ווערען ערנסט.

די ערשטע קרבנות פון דער אר־בייטסלאזיגקייט זיינען די גאר־יונגע מענשען — אזעלכע וואס געהען ערשט ארויס פון די האלעדזשעס און סקולס און דארפען קריגען זייערע ערשטע דזשאבס אדער שטעלעס, און — מיי־טעליעריגע מענשען. גאר באזונדערס ערנסט איז די לאגע פון מיטעל־יעריגע און עלטערע מענשען.

א געוויסע איינפארשונג ווייזט, אז פאר ארבייטער וואס זיינען עלטער פון 45 יאר ווערט וואס א יאר אלץ שווע־רער צו קריגען נייע דזשאבס.

אז ארבייטער וואס איז עלטער פון 45 יאר, אז ער האט א דזשאב, ווערט געוויינליך זעהר שטארק געשעצט פון דער פירמע פאר וועלכער ער ארבייט, אבער אז ער פארלירט דעם אלטען דזשאב איז אים זעהר שווער צו קרי־גען א נייעם.

די רעגירונג אין וואשינגטאן האט שוין אנגעזאמעלט א סך אינפארמאַ־ציע וועגען אזעלכע מיטעל־יעריגע אר־בייטער וואס קענען ניט קריגען קיין נייע דזשאבס. זיי זיינען אין א ספע־ציעל שווערער לאגע, ווייל אויב זיי האבען אין פארלויף פון יאר גארנישט געארבייט, זיינען זיי דעם יאר ניט בארעכטיגט צו קיין ארבייטסלאזיג־קייט־אינשורענס. רעגירונגס־עקספער־טען ארבייטען שוין אויף פלענער ווי אזוי צו העלפען אזעלכע מיטעל־יעריגע ארבייטער צו קריגען נייע דזשאבס און ווי אזוי זיי צו העלפען אויך אויף אנ־דערע אופנים.

איינער פון די פלענער ווי אזוי לייכטער צו מאכען פאר מיטעל־יערי־גע, ווי אויך פאר גאר־יונגע מענ־שען, צו קריגען ארבייט, איז אנצו־הויבען צאלען עלטער־פענסיע צו אר־בייטער ווען זיי ווערען 60 יאר, אנ־שטאט 65. דאס, דענקט מען, וועט דערמוטיגען טייל עלטערע לייט צו „ריטאירען" פריער און לאזען זייע־רע דזשאבס פאר אנדערע.

ווען די דאזיגע פלענער וועלען פול־שטענדיג פארטיג ווערען וועט די טרו־מאן־אדמיניסטראציע זיי שיקען צום קאנגרעס אין דער פארם פון ספעציע־לע בילס. די דאזיגע ארבייט האט זיך אבער ערשט אנגעפאנגען און אין דעם איצטיגען קאנגרעס וועלען נאך אזעלכע בילס ניט אריינגעבראכט ווערען. און אפילו אז אזעלכע בילס וועלען אריינגעבראכט ווערען, וועלען זיי אנגענומען ווערען אין קאנגרעס בלויז דאן, ווען די עפענטליכע מיי־נונג, דאס הייסט די וואוטערס, וועלען זיך שטארק איינשטעלען פאר דעם מי־טעל־יעריגען ארבייטער וואס ווערט געשטעלט אין אזא טראגישער לאגע בלויז דורכ'ן צופאל פון פארלירען א דזשאב. דיזעלבע עפענטליכע מיינונג קאן און דארף אויך ווירקען אויף די פארשיידענע פירמעס און באלעבאטים און זיי לערנען צו שעצען און אנער־קענען די ערפארונג, די פינקטליכקייט און אויך די ארענטליכקייט ביי דער ארבייט, וואס קומט מיט די עלטערע יארען.

# וואו וועלען זיין?

פאר דעם זומער סעזאן

הערי ליעדערמאן

און

דזשאן זעליג

זיי וועלען זיבער זיין אין די מאונטענס, אין א גרויסען האטעל מיט אלע קאנוועניענסעס

וואו וועלען זיי זיין?

וואכשט נעקסטע אנאנסמענט!

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראוז שושנה

(פארטזעצונג)

## דאינע לעסקי

איהר בעקי'ס טאכטער, דאינע, האט היינט איבערגעלעבט איהר ביטערע ענטוישונג.

דאינע, א רייצענדע, בלאנדע מיידעל, פון 19 יאר, מיט בלויע גרויסע אויגען, האט געהאט א פנים ווי אלבאסטער, מיט א געטאקט נעזעל און צוויי פולע, רויטע, ליידענשאפטליכע זארשען ליפען, וועלכע זיינען געווען עדות פון איהר שטארקען טעמפעראמענט. איהרע לאכענדיגע אויגען זיינען היינט געווען פארנעפעלט דורך טרערען. איהרע וואונדערבארער גלאטער שטערן איז געווען צונויפגעצויגען פון ערגערניש. איהר בלאנדער קאפ לאקען איז געווען אין א מין אונארדענונג, וואס האט איהר צוגעגעבען חן.

דאינע איז געווען די שענסטע מיידעל פון וויליאמסבורג, און איהר מאמע איז געווען שטאלץ מיט איהר.

גראד היינט, אין טאג פון טריאומף, אין טאג פון זיג און יום-טוב'דיגקייט, האט דאינע איבערגעלעבט איהר ערשטע ענטוישונג אין איהר יונג לעבען. דאס יונגע הערצעל האט צום ערשטען מאל דערפיהלט די וועהטאג פון ליבע, פון בענקעניש. היינט, ווען אלע זעלנער האבען זיך אנגעהויבען אומקערען פון דעם אייראפעאישען פראנט. היינט, ווען מען יובעלט און עס דונערען די פויקען און טראמפייטען פון פרייד, פון זיג — גראד היינט, איז אוועק צום פאסיפישען פראנט איהר הערי.

דאס אומגליק איז פאר איהר געשעהן אזוי אומגעריכט, אז עס האט זי צעטראפען ווי א דונער.

פארוואס האט ער איהר נישט געזאגט? זי איז איינפאך ארומגעלאפען ווי א משוגענע, אויסצוגעפינען עפעס וועגען איהר הערי'ן.

מעהר פון דער וועהטאג, וואס מ'האט צוגענומען ביי איהר דעם אינהאלט אין לעבען — מען האט צוגענומען ביי איהר די לופט מיט וועלכע זי האט געאטעמט; מעהר פון דעם פיין, האט זי געליטען דערפון וואס ער האט עס באהאלטען פון איהר.

פארוואס? פארוואס האט ער אזוי געהאנדעלט? וואס פאר א מיין האט ער געהאט דערביי? ערשט נעכטען זייען זיי דאך געווען אזוי נאהענט צוזאמען...

איהר כוח האט שיער נישט געפלאצט פון שרעקליכע געדאנקען. איהר געליבטער איז אוועק. ער איז אוועקגעפארען.

זי איז קראנק געווארען פון וועהטאג פון די איבערלעבונגען. אזוי פלוצלינג?... גארנישט געזאגט...

זי האט נאך אלץ געזעהן די בלויע אויגען פון איהר געליבטען. בלויז די אויגען האט זי געזעהן, וועלכע האבען אזוי געהערשט איבער איהר, וועלכע זי האט אזוי שטארק ליב.

זי האט נאך געפיהלט זיינע הענט, ארומגעקלאמערט ארום איהר נאקעטען קערפער. זי האט געפיהלט די זיסע וועהטאג פון גענוס, וועלכע זי האט צום ערשטען מאל דערפיהלט אין זיינע ארעמס. זי האט געפיהלט זיין הייסען קערפער, וואס האט זיך געטוליעט צו איהרע מיידעלישער ברוסט.

א שרעקליכע פוסטקייט האט זי ארומגענומען. עס איז אוועק דער שטורם פון גליק און ליידענשאפט, וועלכער האט זי געהאלטען אין זיינע צוואנגען.

דאס גליק האט זיך דאך ערשט אנגעהויבען. זי האט דאך איהם ערשט דערקענט. דאס איז דאך געווען דער אנהויב פון איהר גליק און עס איז אזוי פלוצלינג פארשוואונדען.

זי האט געקוקט פאר זיך, געמורמעלט שטיל:

— וואו איז ער אוועק, מיין געליבטער?!

זי האט איבערגע'חזר'ט די פראזע כסדר און געפיהלט ווי איהר הארץ הערט אויף צו קלאפען. עס האט אזוי געשטיקט אין האלז... עס איז געווען אזוי שרעקליך ענג. זי האט געפיהלט, אז זי וועט אויסגעהן. זי האט זיך נישט געקאנט קיין ארט געפינען. זי איז געלאפען איבער די גאסען.

די טרערען האבען זיך געגאסען איבער'ן פנים, איבער די ליפען. זי האט געהערט דאס שאלען פון די טראמפייטען, וועלכע האבען געפויקט איהר אין קאפ.

זי האט דערזעהן ווי צוויי פייגעלעך שטרעקען אויס צו זיך די פיסקעלעך.

— זיי ליבען זיך! זיי ליבען זיך!! — האט זי געיאמערט.

זי איז געגאנגען איבער'ן גארטען. זי האט געקוקט ווי די זומער-פייגעלעך שפרינגען אויף דעם גראז. אבער ביי איהר איז דאס נישט געווען קיין זומער-פייגעלע, נאר איהר לעבען. אין יעדער זאך האט זי געזעהן זיך, איהר ליבע. און איצט — איהר פוסטקייט.

ווען די גרעזעלעך האבען זיך באוואויגען פון ווינט, האט זי געזעהן ווי זיי ליבען זיך... אלץ איז געווען די אפשפיגלונג פון איהר ליבע.

אלץ ליבט זיך, די גאנצע נאטור וועקט זיך אין ליידענשאפט. זי זעהט ווי דער אקס געהט צו דער בהמה, דער האן צו דער הון, די טייבעלער, די בלימלעך. אלע און אלץ ליבט זיך, נאר איהר געליבטער, האט זי פארלאזען... ער איז אוועק.

ערשט נעכטען איז זי דאך געווען אזוי גליקליך, אזוי-אונענדליך גליקליך און היינט?...

ווי שטארק בא'עוולה'ט ער האט זי. ער האט דאך נעכטען געוואוסט, אז ער וועט אוועקפארען. פארוואס האט ער איהר גארנישט געזאגט? פארוואס האט ער געטאן מיט איהר דאס וואס ער האט נישט געדארפט טאן, אויב ער האט גערעכענט אוועקצופארען?

זי האט זיך אין ערגעץ נישט געקאנט קיין ארט געפינען.

די גאס האט זי געיאגט אהיים, די היים האט זי געיאגט אין גאס ארויין.

זי האט דערזעהן איהר מאמע'ס שטרענגען בליק, האט עס זי ארויסגעיאגט פון שטוב.

זי האט געוואלט אנטלויפען אין דער וועלט ארייו. זי האט כסדר געטראכט, אז זי אליין איז שולדיג. זי אליין האט זיך ממש געווארפען אין זיינע ארעמס, ווייל זי האט איהם געליבט, געליבט באלד ביים ערשטען בליק, ווען זי האט איהם דערזעהן. ער האט דאך געהאט אזא אומשולדיג פנים, א פנים וואס פאר'כישופ'ט. אלע מיידלעך, איהרע פריינדינעס, האבען דאך ממש זי מקנא געווען וואס ער געהט אויס מיט איהר.

זי האט געהאט זעהר א סך יונגע-לייט, וואס זיינען איהר נאכגעלאפען, וואס האבען געזוכט איהר פריינטשאפט, אבער קיינער האט נישט געטאנצט אזוי ווי הערי...

דאינע האט געוואוסט, אז זי איז זעהר שעהן. זי האט געוואוסט, אז זי איז רייכער און אינטעליגענטער פון איהרע חבר'טעס. דערפאר האט זי זיך נישט געוואונדערט וואס ער איז גלייך געווארען פארליבט אין איהר.

זי האט זיך באקענט מיט איהם אויף א פארטי פון איהרע א חבר'טע. ער האט געהאט א וואונדער-שעהנע שטימע און ער האט געוויילט דעם עולם מיט זיינע ראמאנטישע לידער. ביים זינגען האבען זיך זייערע אויגען צוזאמענגעטראפען. שוין מעהר זיך נישט געקאנט אפרייסען פון זיך.

דאינע האט באלד דערפיהלט, אז די ליבעס-לידער זינגט ער צו איהר.

עפעס א מאדנער שטראם איז ארורך איהר קערפער, אזוי ווי ער וואלט זי עלעקטריזירט. זי האט מעהר נישט געקאנט אפווענדען די בליקען פון זיינע שעהנע פאר'חלומ'טע אויגען.

ווען ער האט זי באגלייט אהיים האט זי געהאט דעם געפיהל אזוי ווי זיי וואלטען זיך שוין גאר לאנג געקענט, עפעס אזוי ווי א גאר נאהענטער מענש וואלט איצט געזעסען לעבען איהר.

ביידע האבען געשוויגען.

דאינע'ס געדאנקען האבען געפרעגט א סך פראגען, אבער דאס מויל האט זיי נישט ארויסגערעדט. זי האט זיך אליין געפרעגט:

— פארוואס האט די איינע בארירונג פון דעם מענשען מיך אזוי עלעקטריזירט דורך און דורך? פארוואס מאכט יעדער בליק פון זיינע אויגען מיך אזוי אפהענגיג, דרינגט דורך יעדער קעמערעל פון מיין לייב, מאכט מיך מאכטלאז. פארוואס ווירקט יעדער אפילו גארנישט זאגענדיגע ווארט אויף מיר אזוי, אז איך זוך אין זיי א באהאלטענעם מיין, א סודות'פולען געדאנק... עס איז גענוג, אז זיין האנט זאל אנרירען מיינע, איך זאל ווערען שוואך און באגעהרען איהם אזוי שטארק.

(פארטזעצונג מארגען)

## די שטאט באסטאן און איהרע אידען

(שלום פון פעדוש 2)

נעמען כאבאר, זיך אויסגעדריקט אזוי צו זאגען:

„איך וועל נעמען א „באק" (דאלאר). און ווער, צום טייוועל, ווייסט עס ניט? איך וואלט געוואלט זעהן דעם יעניגען וואס נעמט ניט קיין „באק"!"

אפענע דיבורים. נו, איז עס ניט קיין פאראדאקס? אדרבא, וואו נאך הערט איהר אזא אפענהערציגע ווידוי פון כאבאר נעמען, ווי אין דער קולטורעלער באסטאן?

אויך דער אידישער לעבען אין באסטאן איז ניט פריי פון „מוישע קאפוירס" און פאראדאקסען. אבער וועגען דעם אין קומענדען ארטיקעל.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— געוויס בין איך אלראיט. פארוואס פרעגסטו? — האט זי געפרואווט אנהאלטען א רוהיגען טאן. לארי האט מיט א באזארגטען אויסדרוק פון זיין פנים איהר שארף אנגעקוקט. איהר'ע אויגען האבען געהאט דעם מאדנעם אויסדרוק, וואס איהם איז שווער געווען עפעס ארויסלייענען פון זיי. ער האט נאר געוואוסט, אז דאס איז ניט די זעלבע עלינאר, וואס ער האט שוין אזוי גוט געקענט. ווען זי האט זיך געפונען צווישען מענשען האט זי זיך אלע מאל שטארק אנגעזעהן. זי האט געקענט זיין שטיפערוש-לוסטיג, אדער שארף-ארויסרופענדיג. זי האט געקענט ארויסווייזען כאראקטער. און דא איז זי אזוי שטיל, אזוי צוריקגעצויגען, און עפעס ווי איבערגעשראקען.

— וואס דאס שטימט גארניט מיט איהר נאטור. ער האט עס פארענטפערט מיט דעם, וואס עס איז פאר איהר צו שווער געווען דער גאנצער היינטיגער טאג. צופיל אנשטרענגונג פאר איין מאל צו באקענען זיך מיט אזוי פיל מענשען. איהם האט זיך געגלוסט צו פארענטפערען זיך אנטקעגען איהר:

— איך קען זעהן ווי דו ביזט שוין מיד, עלינאר — האט ער איהר געזאגט — עס פארדריסט מיר, וואס עס האט זיך אזוי געמאכט. נאר קיינער איז דא ניט שולדיג.

עלינאר האט א טראכט געטאן:

„קען דאס זיין, אז ער פיהלט זיך גארניט שולדיג אנטקעגען איהר פאר זיין האלטען זיך, ווי קען זי איהם פארגעבען?" — זי האט איהם געקענט זאגען:

— „דו ביזט היינט אזוי געווען פארטאן מיט אנדערע, אז דו האסט ניט געקענט זיך אומקוקען אויף מיר, מיך האבען אין זינען."

נאר זי האט דאס איהם ניט געזאגט. זי מוז זעהן מיט אלע כוחות צו האלטען זיך רוהיג. זי מוז זיך איצט פארשטעלען. עס איז שוין געקומען צו דעם...

— ווען געהען מיר אהיים, לארי? — האט זי ביי איהם א פרעג געטאן.

— אז דו ווילסט קענען מיר שוין געהן — איז לארי געווען גרייט.

— יע, איך וויל שוין געהן. עס איז שוין שפעט.

לארי איז אוועק אין שוירלי'ס צימער צו געפינען זייערע מאנטלען. אז זיי זיינען דערנאך ארויין צו די געסט שוין אנגעטאנענע צו געהן, איז איבער'ן שטוב געווארען א צורודערונג. מען האט לארי'ן און עלינאר'ן ארומגערינגעלט פון אלע זייטען:

— איהר געהט שוין? אזוי פריה? אזוי גיך? א שאד!...

אלע האבען אזוי ווי זיך געכאפט, אז זיי האבען נאך לארי'ס מיידעל גאר ווייניג געזעהן און ווייניג מיט איהר גערעדט. דאס געזעגענען זיך מיט אלעמען האט פארנומען א לאנגע ווילע. עלינאר האט געדריקט די האנט לארי'ס ברודער, דעם דראגיסט, און זיינע צוויי שוועגערס, און געזעגענט זיך מיט יעדען גאסט באזונדער. די צוויי שוועסטער לארי'ס און די יונגע שוירלי האבען זיך מיט עלינאר'ן געקושט. אזוי אויך די יחוס'דיגע הענריעטא, לארי'ס שוועגערין. די מיידעל לילי'ען איז צוגעגאנגען צו עלינאר'ן, די זעלביגע לילי'ען, מיט דעם שמייכלענדיגען פנים און מיט די ביטערע גענג, וואס עלינאר'ן פארסמ'ט איהר געמיט און געמאכט איהר פיהלען צובראכען און האלב-קראנק.

— איך האף, אז איהר האט ניט פארבראכט דא היינט — האט זי עלינאר'ן געזאגט, ווי זי, לילי'ען, וואלט דא געווען די באלעבאסטע. עלינאר האט א שאקעל געטאן צו איהר מיט'ן קאפ, ווי איבערגעוואלט, און זי האט זיך אפגעקערט פון איהר. לארי איז דעמאלט געווען אין אן אנדער ווינקעל, און ער האט די סצענע ניט געזעהן.

די אלטע מיסעס פינקעלשטיין, לארי'ס מאמע איז פאר דעם געזעסען מיט א רעדעל ווייבער, וואס געשמאק געשמועסט צווישען זיך. אליין האט מיסעס פינקעלשטיין ווייניג גערעדט. דאס זיינען אלע געווען איהרע אייגענע פון דער גרויסער משפחה איהרער. און נאר זי האט זיי אלעמען געהאט ארום זיך איז איהר געווען גוט. זי האט זיך איינגעהערט אין די שטימעס פון איהרע אייגענע. און יעדער קול האט געהאט אן אפקלאנג אין הארצען ביי איהר. און זי האט פארגעניגענדיג געשמייכעלט.

היינט איז ביי איהר געווען א גרויסער טאג. זי איז געווען פארפלאמט און פריידיג-צוטראגען. איהר לארי. די קרוין פון איהר קאפ... מען קען זיך שוין אויף איהם פארלאזען. ער ווייס וואס פאר א מיידעל ער האט אויסגעקליבען פאר זיין באשערטע. מיט גאט'ס הילף וועט אלץ זיך אויסלאזען גוט.

און אז עלינאר איז צוגעגאנגען צו געזעגענען זיך מיט איהר, האט זי געזאגט:

— אזוי גיך געהט איהר שוין? מיר האבען זיך נאך גאר גוט נישט געזעהן, נאך גארניט געשמועסט...

— אה, מיר וועלען זיך נאך זעהן און צייט האבען צו שמועסען — האט עלינאר בלאס צו איהר געשמייכעלט.

מיסעס פינקעלשטיין האט איהר ארומגענומען מיט איהרע ווארימע ארעמס, אויף צו געזעגענען זיך, און דערנאך האט זי איהר אנגעקוקט א ווילע מיט איהרע קלוגע, אלטע אויגען, ווי זי וואלט עלינאר'ן געזשאלעוועט. האט זי פארשטאנען וואס דא טוט זיך, די אלטע מאמע?

### דריי און צוואנציגסטער קאפיטעל

עלינאר און לארי זיינען געשטאנען אין קארידאר פון הויז ביי דער טיר און געווארט אויף א טעקסי, וואס לארי האט שוין באשטעלט פון פריהער. עס איז געווען א קאלטע, ווינטיגע נאכט. א שניי איז אויסגעפאלען, א דינער, א שיטערער, וואס איז זיך באלד צעגאנגען. די גאס האט געגלאנצט מיט נאסקייט. פאר עלינאר'ן האט דער גאנצער געגענט אויסגעזעהן אזוי פארלאזען, פרעמד... א ווילדערניש...

די טעקסי איז אנגעקומען אין איילעניש, זיך אפגעשטעלט ביי דער טיר. לארי האט געהאלפען עלינאר'ן אריינשטייגען אינעווייניג, זיך אוועקגעזעצט לעבען איהר און געזאגט דעם דרייווער דעם אדרעס פון עלינאר'ס היים אין די בראנקס. אויפ'ן וועג זיינען זיי ביידע געזעסען שווייגענדיג א קורצע ווייל. די טעקסי האט געיאגט דורך די אומעטיגע ברוקלינער גאסען. אט האבען זיי שוין זיך דערנעהנטערט צום ברוקלינער בריק. דער פארקער איז דא שוין געווארען לעבעדיגער. עלינאר האט שוין געגארט וואס גיכער אנצוקומען אהיים. די געשעהענישען פון גאנצען טאג און איבערהויפט פון אווענט האבען געוואוגען שווער אויף איהר געמיט.

לארי האט זיך אנגעבויגען צו איהר און אריינגעקוקט איהר אין פנים:

— ווי פיהלסטו, עלינאר? — האט ער איהר אנגענומען פאר א האנט.

זי האט א לייכטען ציטער געטאן. זי איז געזעסען מיט דעם קאלנער פון איהר מאנטעל אויפגעשטעלט אזוי, אז איהר פנים האט זיך קוים ארויסגעזעהן.

— פיין. איך פיהל פיין! — האט זי ארויסגערעדט פון אונטער'ן קאלנער ארויס.

— און דו ביזט שוין מעהר ניט אומרוהיג? — האט ער ווידער איהר געפרעגט.

— וואס מיינסטו? — האט זי זיך א קער-געטאן צו איהם, איהם אנגעקוקט פארוואונדערט.

— געדענקסט, איידער מיר זיינען געפאהרען אהער, האסטו מורא געהאט פאר דעם וויזיט. טאמער וועסטו ניט געפעלען מיין פאמיליע, דער מאמען מיינער.

— יע, איך געדענק... — האט עלינאר זיך אפגערופען, אבי נאר עפעס צו זאגען.

— נו, אבי שוין אריבערגעקומען דעם וויזיט — האט לארי גערעדט בארוהיגענדיג — דו האסט זיך אומזיסט געשראקען. האסט גראד אויסגענומען ביי אלעמען, מיין מאמע...

— זי איז אלראיט, דיין מאמע.

— דו ביזט איהר זעהר געפעלען. זי האט דאס מיר צום סוף-אווענט אליין געזאגט.

— אזוי? איך בין צופרידען.

מיט א מאדנעם אומעט האט געוועהט פון איהר טאן, מיט וועלכען זי האט איצט גערעדט. פאהרענדיג מיט איהר אין טעקסי, איז לארי שוין געווארען באאומרוהיגט. ער האט ניט געקענט פארשטעהן וואס איז מיט איהר. זי האט כמעט ניט געענטפערט אויף די צערטליכקייטען זיינע, ווען ער האט געפרואווט איהר ארומנעמען און א קוש טאן. עפעס איז ניט גלאט מיט איהר, זי איז פון עפעס ניט צופרידען, עלינאר. איז עס מעגליך, אז אימעצער פון די געסט האט איהר מיט עפעס באליידיגט היינט אווענט? דאס איז ניט דער אופן פון עלינאר'ן צו ענטפערען אויף א באליידיגונג. זי איז דעמאלט ניט שטיל. זי האט ניט ליב צו פארשווייגען. ער האט אלץ געפרואווט טרעפען, אבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען.

— עלינאר, זאג מיר, עפעס איז דיר ניט געפעלען געווען היינטיגען אווענט.

— פארוואס זאל מיר ניט געפעלען? וואס פעלט דיר אייין? — האט זי גערעדט אלץ אין זעלבען טאן, ניט קענענדיג ארויסרעדען דאס, וואס זי פיהלט איצט מיט אן אמת.

לארי איז שוין געוואוינט געווען צו זעהן איהר אמאל א ניט-צופרידענע. זי האט געקענט זיין קאפריזנע, עקשנות'דיג. ער האט איהר שוין געזעהן אין אלערליי שטימונגען. נאר אזוי אנגעצויגען און קאלט האט ער איהר נאך קיינמאל ניט געזעהן. ער איז געווען ערשטוינט. זאל דאס זיין דערפאר, ווייל זי איז צופיל מיד, אויסגעשעפט? עס איז קיין וואונדער ניט, עס איז טאקע צופיל אנשטרענגונג געווען פאר איהר דער גאנצער היינטיגער טאג, האט ער אין הארצען געפרואווט איהר פארענטפערען.

(ווייטערס — מארגען)

## אַ דירעקטע „סקעדיולד" לופט ליניע פון אַמעריקע קיין ישראל

א סך אמעריקאנער אידען גרייטען זיך איצט צו מאכען א באזוך אין דער אידישער מדינה. אייניגע פארען צו פארברענגען דעם יום-טוב פסח אין אידישען היים-לאנד און אנדערע ווילען פארברענגען זייער וואקאציע צייט דורך שעפען נחת און פארגעניגען און אינספיראציע אין'ם לאנד פון אונזערע אבות.

וואס דער צוועק, און ווען די צייט זאל ניט זיין פאר אזא באזוך אין מדינת ישראל, איז גוט צו וויסען, אז עס איז איצט דא א דירעקטע לופט-ליניע, וועלכע פירט אייך פון אמעריקע קיין ישראל. די דאזיגע ליניע איז די בארימטע טראנס וואירלד עירלאין, וועלכע פירט די פאסאזשירען אויף גרויסע סקאי-לאינערס. דאס איז א ליניע, וועלכע איז ניט קיין אומפאראנטווארטליכע טראנספארט געזעלשאפט, נאר אן אנערקענטע, „סקעדיולד" ליניע, וואס מיינט אז איר קריגט די בעסטע באדינונג און די זיכערסטע עראפלאנען, וועלכע ווערען קאנטראלירט און אונטערזוכט כדי צו מאכען זיכער, אז יעדער דעטאל פון דער רייזע זאל זיין אזוי באקוועם, אזוי אנגענעם און אזוי זיכער ווי נאר עס איז מעגליך.

די רייזע פון ניו יארק קיין ישראל אויף די „טי. דאבעליו. עי." עראפלאנען דויערט בלויז 29 שעה מיט 55 מינוט. מען פליט 300 מייל א שעה אין די לוקסוריעזע אוויאנען. מחיה'דיגע מאלצייטען ווערען סערווירט פריי. פאר אינפארמאציע און רעזערוואציעס זעט אייער רייזע-אגענט שנעל, ווייל אזוי גיך ווי די ערשטע פרילינג ווינטעלער וועלען נעמען בלאזען, וועט ווערען א גרויסע נאכפראגע פאר רעזערוואציעס. *)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— וואָס דענקסטו וועגען די אלע מענשען אויף היינטיגען אווענט, מיין משפחה? — האָט לאַרי געוואָלט איר פאראינטערעסירען אין א שמועס — וואָס פאר אן איינדרוק האָבען זיי אויף דיר געמאַכט?

— א, עווריבאָדי וואָז נאַיס (אלע זיינען געווען גוט).

— דיין טאָן זאָגט מיר, אז עס איז ניט אזוי. דיין טאָן קלינגט סאַרקאַסטיש.

— ניין, דאָס דאַכט זיך דיר נאָר אזוי, לאַרי.

ער האָט ניט ליב געהאַט קיין פאַרשטעלטע רייד. עפּעס באַהאַלט זי פון איהם. ער האָט מיט איין האַנט איהר אַרומגענומען און צוגעטוליעט זיין פּנים צו איהרען.

— דו ביזט ניט צופרידען מיט'ן היינטיגען אווענט, עלינאָר. ניט אזוי? פאַרוואָס זאָגסטו דאָס מיר ניט אָפען? איך וויל דאָס וויסען.

— און דו ביזט צופרידען פון דעם היינטיגען אווענט, לאַרי? — האָט זי שאַרף איהם א קוק־אָן געגעבען.

— יע, פאַרוואָס ניט? איין זאַך נאָר — האָט ער זיך ווי דערמאָנט — די מאַמע מיינע. עס איז געווען א פעהלער פון מיין מאַכען, זי האָט ניט געדאַרפט צונויפרופען אזויפיל מענשען. איך האָב זי געבעטען פאַראויס, אז זי זאָל דאָס ניט טאָן.

— איט דאָוז נאָט מעטער נאַו (איצט איז שוין אלצאיינס) — האָט זי אַרויסגערעדט מיט א גלייכגילטיגער שטימע.

לאַרי'ן איז שוין געוואָרען פאַרדראָסיג: „זי באַהאַלט עפּעס פון איהם. פאַרוואָס קען זי ניט אַרויסרעדען אָפען וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט אויף היינטיגען אווענט, ביי זיין טאַטע־מאַמע אין שטוב. עס קען דאָך ניט זיין, אז עס איז נאָר א קאַפּריז אזא ביי איהר. אז מען רעדט זיך דורך, ווערט גרינגער. צוליב וואָס טראָגען אומזיסטע פאַרדראָסען איינע אויף די אַנדערע?" לאַרי האָט ליב געהאַט קלאָרקייט אין אַלץ, און ער איז געווען איצט זעהר באַזאָרגט.

דעם איבעריגען וועג צו איהר היים זיינען זיי געפאָהרען כמעט שווייגענדיג. לאַרי האָט ניט געקענט וויסען פון וואָס עלינאָר פיהלט זיך אזוי צעבראָכען און פאַרביטערט. ער האָט ניט געהאַט קיין אַהנונג, אז זי ליידט איצט פון אייפערזוכט, זי פאַרדעכטיגט איהם, אז ער האָט ליב אן אַנדערע, אז ער האָט א געליבטע נאָך פון פריהער, איידער ער האָט איהר דערקענט. ווען לאַרי וואָלט געוואוסט וואָס עלינאָר טראַכט פון איהם, וואָלט דאָס אפשר איהם אויסגעקוקט ווילד. ער האָט אין קיין זאַך ניט געפיהלט זיך שולדיג אַנטקעגען עלינאָר'ן. ער האָט היינט נאָר געהאַנדעלט ווי ער האָט געדענקט, אז עס איז גוט.

עלינאָר האָט דעם גאַנצען וועג געקעמפט מיט זיך אליין. זאָל זי זאָגען לאַרי'ן, אז זי ווייסט אַלץ וועגען איהם; אז שוירלי, זיין אייגענע שוועסטער, האָט איהר אַלץ דערצעהלט? און אויך דאָס, וואָס זי האָט אליין מיט איהרע אויגען געזעהן, ווי ער מיט ליליען זיינען כסדר געווען צוזאַמען און זיי האָבען זיך געהאַלטען ווי אמת'ע געליבטע?

צופיל רעגט דאָס איהר אויף, אז זי זאָל קענען מיט איהם רעדען וועגען דעם. זי האָט מורא געהאַט פאַר א קריג צווישען זיי. און אז זי וועט איהם היינט גאָרניט זאָגען — וועט זי דען קענען פאַרבלייבען רוהיג? אזוי האָט זי אַלץ אין זיך איבערגעקלערט און זיך גערעגט. איהר שטאָלץ האָט צופיל געליטען. זי איז געווען צופיל באַליידיגט. פאַר איהרע אויגען האָט זיך א ווייז־געטאָן ליליען'ס געשטאַלט, איהר שמייכלענדיגער, רוהיגער פּנים. ער, לאַרי, מאַכט זיך ניט וויסענדיג, ווי קיין זאַך איז ניט געשעהן.

איהר כעס איז געשטיגען פון מינוט צו מינוט. און זי האָט עס געמוזט שטיקען אין זיך. היינט אין דער פריה, ווען זי האָט זיך געגרייט פאָהרען צו איהם אַהיים, איז זי געווען נאָך גליקליך און פול מיט גוטע האָפנונגען. און איצט פיהלט זי זיך צעבראָכען און האַלב־קראַנק. וואָס קען זי איהם זאָגען? קיין שום פאַרענטפערונג פון זיין זייט וועט ניט גילטען אַנטקעגען דעם, וואָס זי האָט זיך דערוואוסט און וואָס איהרע אייגענע אויגען האָבען געזעהן.

עלינאָר האָט שוין קוים דערלעבט, אז די טעקסי זאָל זיך אָפּשטעלען לעבען איהר שטוב. זי איז אויף גיך אַרויסגעשטיגען. זי האָט געוואָלט לאַרי'ן נאָר זאָגען א גוטע נאַכט, אפילו ניט קושען איהם „גודבאַי". זי האָט זיך ניט געקענט פאַרשטעלען.

לאַרי האָט באַצאָהלט דעם טעקסימאַן און ער האָט א קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל. עס איז שוין געווען נאָהענט צו צוועלף דעם זייגער. עס איז נאָך ניט אזוי שפּעט. ער האָט געפיהלט, ער מוז היינט מיט עלינאָר'ן זיך דורכרעדען. עס פאָדערט זיך פון איהר אן ערקלערונג פאַר איהר מאָדנעם האַלטען־זיך דעם גאַנצען וועג אין דער טעקסי. דער ענין איז צו־וויכטיג פאַר זיי ביידען, און ער קען דאָס ניט אָפּלעגען אויף אן אַנדערש מאָל. עס איז ניט געווען אין זיין נאַטור צו לאָזען אזוי הענגען אין דער לופטען. אַלץ דאַרף האָבען א נאָמען. אַלץ דאַרף זיין קלאָר.

— עס איז נאָך ניט אזוי שפּעט — האָט ער איהר געזאָגט — איך וועל אפשר נאָך אַרויפגעהן א ווייל צו דיר אין שטוב. וואָס זאָגסטו, עלינאָר?

איהר האָט א זעץ־געטאָן אין האַרצען. ער וויל אליין אפשר רעדען, איהר אַלץ דערצעהלען. היינט נאָך וועט זי זיך דערוויסען דעם אמת...

— אז דו ווילסט... — האָט זי אַרויסגערעדט מיט געמאַכטער רוהיגקייט.

זי האָט זיך געלאָזען געהן מיט די טרעפּ צו איהר היים, און לאַרי איז מיט איהר מיטגעגאַנגען.

---

שטיל זיינען זיי אַריינגעקומען אין שטוב. עלינאָר'ס מאַמע איז שוין געשלאָפען. דאָ, אין דער רוהיגקייט פון איהר היים, האָט לאַרי געהאָפט, אז זיי וועלען קענען דורכרייידען זיך אַלץ קלאָר, און עס זאָל ניט זיין מעהר קיין פאַרדראָסען צווישען זיי. זיי זיינען אַריין אין ליווינג־רום. עלינאָר האָט געמאַכט ליכטיג און זיי האָבען זיך ביידע צוגעזעצט אויף דער אָטאָמאַנע.

לאַרי האָט פאַררויכערט. פּאַמעלעך האָט ער געצויגען אין זיך דעם רויך. מסתמא האָט ער איצט איבערגעטראַכט ווי אזוי ער זאָל אָנהויבען מיט איהר דעם שמועס.

— גיב מיר א פּאַפּיראָס, לאַרי — האָט זי זיך צו איהם געווענדעט.

שווייגענדיג האָבען זיי איצט א ווייל גערויכערט. נאָר עלינאָר האָט לאַנג ניט געקענט איינזיצען אויף איר אָרט. זי האָט איבערגעלאָזען איהר פּאַפּיראָס אין אַש־קעסטעלע, גענומען זיך א הויב אויף, און אָנגעהויבען שפּאַנען איבער'ן צימער. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָ ביים פענסטער, דאָ ביי דער פּיאַנאָ. דער פאַרדראָס אויף לאַרי'ן האָט נאָך אין איהר געברויזט. און זי האָט נערוועז געצופּט א טיכעלע, וואָס זי האָט געהאַלטען אין האַנט.

לאַרי איז איהר נאָכגעגאַנגען מיט די אויגען. איהם האָט שוין איצט פאַרדראָסען וואָס ער איז אַרויפגעקומען אַהער. עס איז איצט ניט קיין צייט אויף אן ערנסטען שמועס. עלינאָר איז צו נערוועז און אויסגעמאַטערט. און ער האָט באַשלאָסען טאַקע אָפּלייגען דאָס אויף אן אַנדער מאָל, ביז עלינאָר וועט זיך באַרוהיגען. ער האָט זיך אויפגעהויבען, גענומען אין האַנט זיין מאַנטעל און דעם הוט.

— איך וועל שוין געהן אַהיים, עלינאָר, — האָט ער איהר געזאָגט.

זי האָט זיך געגעבען א שטעל־אָפּ אַנטקעגען איהם.

— פאַרוואָס אזוי גיך? דו האָסט דאָך אליין געוואָלט אַרויפקומען איצט אַהער.

— דו קוקסט אויס צו מיד. דו דאַרפסט בעסער אויסרוהען זיך גוט.

עלינאָר'ן איז איצט שווער געווען צו באַהערשען איהר כעס:

— אַי עם סיק ענד טייערד צו הערן פון דיר שטענדיג נאָר דיזעלבע ווערטער! — האָט זי געגעבען א געשריי אַרויס. — „דו ביזט מיד, דו דאַרפסט זיך גוט אויסרוהען", — האָט זי נאָכגערעדט זיינע רייד מיט א סאַרקאַסטישען טאָן.

לאַרי'ן איז אַלע מאָל שווער געווען צו פאַראויסזעהן ווי אזוי עלינאָר קען האַנדלען אין געוויסע פאַלען. נאָר איצט, איהר פּלוצלימדיגער אויסברוך פון צאָרן, האָט איהם צעטומעלט. ער איז געבליבען דערשטוינט. ער האָט אַוועקגעלייגט צוריק דעם מאַנטעל און דעם הוט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס איהר צו זאָגען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# לעאָן בלום

(שלום פון בינטעל בריף פעידוש)

גער אינטעליגענט, א מענש וואָס שרייבט שעהנע אַרטיקלען און קלוגע ביכער, אָבער האָט קיין ווירקונג ניט אויפ'ן גאַנג פון דער מענשליכער געשיכטע. אויב עס וואָלט טאַקע געווען אזוי, וואָלטען די קאָמוניסטען אזוי שטאַרק ניט געהאַסט און פיינט געהאַט אונזער פאַרשטאָרבענעם פריינט. וואָס וואָלט זיי געאַרט, אויב א „קאַפע־שרייבער" זיצט זיך ערגעץ־וואו און שרייבט זיך אַרטיקלען וואָס זיינען קיינעם ניט אינטערעסאַנט?! אָבער זיי האָבען פיינט געהאַט לעאָן בלום'ען שנאת־מות, און אים פאַרלוימדעט און באַשמוצט ווי ווייט זיי האָבען נאָר געקאָנט.

זיי האָבען עס געטאָן, ווייל זיי האָבען ריכטיג פאַרשטאַנען, אז ער איז זייער געפערליכסטער שונא, און ניט דע־גאָל אָדער די רעאַקציאָנערע מאָנאַרכיסטען. די פראַנצויזישע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטערשאַפט וועט קיינמאָל ניט נאָכלויפען די דיקטאַטאָרישע גענעראַלען אָדער רעאַקציאָנערע מאַנופעקטשורערס. אָבער זי קען נאָכגעהן נאָך בלום'ען, זי קען מיט איר גאַנצער מאַכט אַריבער אין לאַגער פון דעמאָקראַטישען סאָציאַליזם, אָט אזוי ווי עס איז געשעהן אין ענגלאַנד, וואו דער גאַנצער קאָמוניזם איז אַוועק מיט'ן רויך.

**

בלום איז מער ניטאָ, און די וועלט מוז לעבען אָהן אים. זיכער וועלען אויפשטיין נייע, יונגע פירער, וואָס וועלען געהן אין די דרכים פון בלום'ען. ער האָט איבערגעלאָזט א טראַדיציע, זיין נאָמען וועט ווערען א לעגענדע. און די ערפאַרונג פון דער געשיכטע באַווייזט, אז די שטאַרקסטע לעגענדעס און טראַדיציעס זיינען אפילו אין אונזער גרויזאַמער וועלט די וואָס בויען אויף מענשליכקייט, יושר, מענשען־ליבע און הומאַניזם.

דער דאָזיגער געדאַנק איז א טרייסט פאַר דער צוקונפט. בלום וועט ווערען איינער פון די פעסטסטע זיילען פון יענער נייער סאָציאַליסטישער „רעליגיע", וואָס די דעמאָקראַטישע אַרבייטערשאַפט פון דער וועלט וועט אַנטקעגענשטעלען דער סטאַליניסטישער רעליגיע פון געוואַלט, טעראָר, אוממענשליכקייט און טאָטאַליטאַריזם.

דאָס איז אַלץ ריכטיג. אָבער היינט איז ביטער פאַר אונז, פּערזענליכע אַלטע פריינט פון בלום'ען. פּוסט און קאַלט איז געוואָרען פאַר אונז די וועלט אָהן בלום'ס שמייכעלע, אָהן דעם בליאַסק פון זיינע קלוגע אויגען, אָהן דער מעלאָדיע פון זיין וויברירענדיגער שטימע, אָהן דעם גלאַנץ פון זיין שאַרפען געדאַנק.

# חול המועד פסח ווערען דערוואַרט היימלאָזע אידען אויף צוויי שיפען פון דייטשלאַנד

מיטוואָך, חול המועד פסח, ווערען ערוואַרט צוויי שיפען, וואָס פירען אויסגעוואָרצעלטע אידען פון דייטשלאַנד, לויט א מעלדונג פון האיאַס. די שיפען זיינען: „דזשענעראַל בלאַטש" און „דזשענעראַל האַאַן". דעם זעלבען טאָג קומען אויך אָן אידישע אימיגראַנטען פון ענגלאַנד אויף דער „בריטאַניק" און פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, אויף דער „קווין מערי". מאָנטאָג, דעם צווייטען טאָג פסח, וועלען אידען איינוואַנדערען אויף דער שיף „באַליוויאַ" פון דענעמאַרק, און אויף דער שיף „בראַזיל" פון אַרגענטינע.

אַלע אָנקומענדיגע אידען וועלען באַגעגענט און באַדינט ווערען פון האיאַס פאָרשטעהער, און א צאָל פון זיי וועט געבראַכט ווערען אין דער האיאַס געביידע, 425 לאַפאַיעט סטריט, ניו יאָרק, וואו זיי וועלען פאַרבלייבען איבער יום־טוב.



# אַ פעידוש פון ספּעציעלן אינטערעס פאַר די נייע אימיגראַנטען

אַרטיקלען און בריף וועגען אַלע פּראָבלעמען וואָס שטעהען פאַר די ניי־אַנגעקומענע אידען. — באַריכטען פון אָרגאַניזאַציעס און טעטיגקייטען צווישען די נייע אימיגראַנטען. — אינפאָרמאַציע און אויפקלערונגען וועגען אַמעריקע.

## די פעידוש וועט ערשיינען יעדען זונטאָג אין „פאָרווערטס"

רעדאַגירט פון י. מ. קערשט

# אַ קאָנטעסט אין „פאָרווערטס" פאַר נייע אימיגראַנטען

די בריף וועלען באַקומען פּרייזען:

| | |
|---|---|
| ערשטער פּרייז | $50 |
| צווייטער פּרייז | $25 |
| 2 פּרייזען צו | $15 |
| 5 פּרייזען צו | $5 |

דער „פאָרווערטס" לאַדעט איין נייע אימיגראַנטען צו שרייבען בריף וועגען זייערע ערפאַרונגען, איבערלעבונגען און פּראָבלעמען:

## „אַמעריקע, מיין נייע היים"

אַט זיינען עטליכע פּונקטען וואָס איר קענט באַהאַנדלען אין אייערע בריף:

- ווי האָט איר זיך דאָ איינגעאָרדענט?
- ווי געפעלט אייך דער היגער לעבען?
- וואָס זיינען אייערע ספּעציעלע פּראָבלעמען און שוועריגקייטען?
- וואָס זיינען אייערע פּלענער און צילען?

איר מעגט אויך שרייבען וועגען אַנדערע זאַכען וואָס איר האַלט פאַר אינטערעסאַנט אָדער וויכטיג.

אינסטרוקציעס: — שרייבט קורץ, זאַכליך און לעזבאַר — ניט מער ווי טויזענט ווערטער. שרייבט בלויז אויף איין זייט פּאַפּיר.

גיט אָן אייער פולען נאָמען, אייער אַדרעס, און די שטאָט פון וואַנען איר שטאַמט. קיינע פון די בריף וועלען ניט צוריקגעשיקט ווערען. מער איינצעלהייטען אין די נעקסטע נומערן „פאָרווערטס".

אַדרעסירט אייערע בריף צו:

CONTEST DEPARTMENT, Jewish Daily Forward
175 East Broadway, New York 2, N. Y.



# אידען און אידישקייט אין די קליינע שטעטלעך

אַ סעריע אַרטיקלען און סקיצען פון

## הרב אברהם העפּטערמאַן

דער רב פון דער אידישער קהילה אין מענטשעסטער, ניו העמפּשיר

•

וועט זיך אָנהויבען צו דרוקען אין „פאָרווערטס"
זונטאָג, דעם 16טען אַפּריל



דזשאָהן ברעהעם (אָריגינעל: אייברעהעם. 1856 1774) איז געווען אַ באַרימטער טענאָר. ווען מענס זיסע, מעכטיגע שטימע האָט באַצויבערט דעם עולם אין אייראָפּע און אַמעריקע. ברעהעם האָט אויך געשאַפען מוזיק און האָט אַרויסגעגעבען אַ זאַמלונג: „העברעאישע מעלאָדיען".

## צו הערען דזשאָהן ברעהעם פלעגען מענשען גערן צאָהלען דעם פּרייז

... און צו געניסען אַן אמת־אויסערגעוועהנליכע קאַפע קאַפע, צאָהלען מענשען גערן אַביסעל מעהר פאַר יובען, די גאַסט־קאַפע. די טיפע, רייכע, באַפרידיגענדע גוטסקייט דערפון איז אונפאַרגלייכליך. איהר פאַרשטייט, יובען איז אַמאָל געווען אַ קאַפע וואָס מען האָט ניט געקענט קויפען — ס'איז געווען דער פּריוואַטער בלענד פון דעם גרעסטען קאַפע סוחר אין דער וועלט. איצט איז יובען דער אויסוואַהל פון יענע וועלכע שאַצען אָפּ דאָס פיינסטע — אַן אויסגעצייכענטער בלענד פון זעלטענע, טייערע קאַפעס. קויפט אַ פונט יובען היינט.




זייט אַ גנעדיגע באַלעבאַסטע — סערווירט אייערע געסט — די גאַסט־קאַפע מיט'ן יום־טוב'דיגען טעם

## יובען די גאַסט קאַפע

כשר לפסח בהכשר הרב צבי הירש קאַהן פון ניו יאָרק

רעגולאַר, דריפּ, אָדער פּולווערייזירטע גריינדס

YUBAN, 250 Park Avenue, New York

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקא און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס“

פון ראזע שושנה

(פארטזעצונג)

## די שרעקליכע ענטדעקונג

טעג און וואכען זיינען געלאפען און דאינע האט אנגעהויבען באגרייפען, אז דאס איז די ווירקליכקייט, אז דאס, וואס זי האט ביז איצט ניט גע־קאנט גלויבען, אז הערי איז נישטא, איז טאקע אמת. זי האט ביז אהער אלץ נישט געקאנט שלום מאכען מיט'ן געדאנק, אז ער איז אוועקגעגאנגען. זי האט כסדר געוואלט, אז אט־אט קלינגט דער טעלעפאן און זי וועט דער־הערען די אויסגע'חלום'טע שטימע פון איהר הערי'ן.

זי האט מורא געהאט ארויסצוגעהן פון שטוב, טאמער קלינגט ער פונקט אין די מינוטען, ווען זי איז נישטא.

ווען זי איז צוריק אריין אין שטוב אריין, האט זי באלד געפרעגט איהר מוטער:

— קיינער האט נישט טעלעפא־נירט צו מיר?

בעקי, איהר מאמע, וועלכע איז אויך געקומען דערצארענט און דערשלאגען צוליב דעם, וואס זי האט נישט קיין נאכריכט פון איהר זוהן, פלעגט איהר אפענטפערען מיט כעס:

— יא, די גאנצע שטאט האט צו דיר טעלעפאנירט; טעלעפאנען ליגען איהר אין זינען, אז איינציגער ברודער האט זיך נישט אומגעקערט, און זי טראכט יוגען טעלעפאנען. קיינער, קיינער פיהלט נישט מיט מיין וועה־טאג. אזא בראך! אן איינציגער זוהן! אזא גראטען קינד. וועה און וויינד איז צו מיינע יאהרען.

ביידע, מאמע און טאכטער פלעגען מיט אומגעדולד ווארטען אויף דער פאסט. אפשר, אפשר וועט היינט קו־מען א גוטע בשורה, א נאכריכט פון זוהן, פון געליבטען, אבער ביידע האַ־בען זיך נישט דערווארט קיין שום נאכריכט.

עס פלעגען אנקומען פעק מיט בריף, וועלכע מען פלעגט כמעט נישט עפע־נען. מען האט געוואוסט וואס זיי ענטהאלטען, בילעטען צו טעאטערס, רעכנונגען, מיטינגען א. א. וו. די בריף, אויף וועלכע מאמע און טאכ־טער האבען געווארט, זיינען נישט אנ־געקומען.

אין שטוב ביי די לעסקים איז גע־ווען א גיהנום. מאמע און טאכטער, האבען זיך געקריגט, ביי יעדען ווארט איז מען גלייך געווארען אנגעצונדען.

דאינע איז אויפגעהאדעוועט געווא־רען אויפ'ן אלטען, טראדיציאנעלען שטייגער. דאס, וואס טאטע־מאמע האבען געזאגט, איז געווען געזעץ. אבער דער וועהטאג אירער האט זי טיילמאל ארויסגעטריבען פון גלייכגע־וויכט, און זי האט שארף אפגעענט־פערט.

דזשעיקאב לעסקי, בעקי'ס מאן, איז געווען איצט שטארק פארנומען מיט „ביזנעס“. „ריעל־עסטעיט“ איז איצט געגאנגען גוט, ער האט געמאכט גרוי־סע געשעפטען.

דזשעיקאב איז געווען א הויכער מאנספארשוין מיט א פול, רונדיג, גלאט ראזירט פנים, מיט א גוטמוטיגען שמייכעל אויף די ליפען. ער האט גע־האט אן עכט אידישע נאז און פלעגט זיך ווינצלען, אז וועגען אים קאן מען שוין נישט צווייפלען צי ער איז א איד.

— איך טראג דעם איד אויף מיין פנים — פלעגט ער זאגען.

ער איז געווען אן ענערגישער ביז־נעסמאן, אויפ'ן מאדערנעם שטייגער, אבער אין דער היים האט ער געפירט א גאר אלטמאדיש טראדיציאנעלע בא־לעבאטישקייט. ער האט איבערגעלאזט

דאס גרעסטע געשעפט ווען ער האט געדארפט דאוונען מנחה.

און פונקט אזוי ווי ער איז געווען ענערגיש צו ביזנעס, פונקט אזוי גע־פאלען איז ער געווען אין די פיר ווענט פון זיין הויז.

אין די ביזנעס האט ער געהערשט. אין דער היים האט זיין ווייב גע־הערשט איבער איהם. ער, דער ענער־גישער ביזנעסמאן, האט געציטערט פאר זיין ווייב'ס קול.

פארשטעהט זיך, אז איהם האט דער וועהטאג וועגען גורל פון זיין איינצי־גען זוהן נישט ווייניגער וועה געטאן ווי זיין ווייב, אבער ער האט דעם וועהטאג געטראגען אין הארצען, און בעקי האט דעם וועהטאג ארויסגע־שריען.

בעקי האט נישט געקאנט פארטרא־גען וואס איהר מאן וויינט נישט און שרייט נישט אזוי ווי זי, און זי פלעגט כסדר שרייען:

— נו, יא, א טאטע איז נישט קיין מאמע. ער האט געבלוטיגט אזוי ווי איך? ער האט איהם געטראגען, גע־בוירען, געזויגען? איהם ארט עפעס? אזא קינד, אזא געראטענער זוהן. וואס לויפט איהר נישט? וואס טוט איהר נישט עפעס, וואס רייסט איהר נישט איין די וועלט? פארוואס געפינט איהר נישט אוים וואס עס איז מיט מיין קינד? איך וועל מיר א מעשה אנ־טאן! איך וועל מיר דאס לעבען נעמען. וואס נוצט מיר מיין לעבען? געהט! לויפט! שרייט!

בעקי פלעגט אויסברעכען אין א יאָ־מערדיג געוויין. און ווען דזשעיקאב איז צוגעגאנגען צו איהר, געוואלט זי טרייסטען, בארוהיגען, איז זי נאך מעהר אנגעפאלען אויף איהם און ארוים מיט'ן אמת'ן מענה־לשון.

אזוי, אז ווען בעקי פלעגט זיך צו־יאמערן, האבען שוין דאינע און דזשעי־קאב געוואוסט, אז זיי מוזען זיך בא־האלטען אין א ווינקעל און אפווער־טען ביז בעקי וועט זיך אליין בארוהי־גען. נישט רעדען צו איהר, נאר לאזען זיך איהר גוט אויסוויינען.

דאינע האט מורא געהאט פאר איר מוטער. זי האט זיך אויסבאהאלטען מיט איהר וועהטאג. זי האט זיך גע־היט נישט ארויסצורעדען קיין ווארט וועגען איר הערי'ן.

דאינע האט זיך ביסלעכווייז אנגע־הויבען צוגעוואוינען צו איהר אומגליק.

עס איז פארפאלען. אזוי איז עס גע־שעהן, און זי מוז דעם אומגליק אויפ־נעמען אזוי ווי עס איז.

דאינע האט אבער נישט אויפגעגע־בען די האפנונג, אז איהר הערי וועט צוריקקומען צו איהר. יעדענפאלס האט זי געגלויבט, אז זי וועט פארט דערהאלטען פון איהם א נאכריכט. אט־די האפנונג, אט־דער גלויבען האט איר געגעבען כוח און אויסדויער. אבער עס איז אויף איהר אראפגעפאלען א צרה גאר אומגעריכט:

דאינע האט דערפיהלט, אז זי איז עפעס נישט מיט אלעמען. צוערשט האט זי דאס צוגעשריבען איהר אויס־געמאטערטקייט, איהרע צורודערטע נערוועו און איהר שוואכקייט, אבער גאר גיך האט זי זיך איבערצייגט, אז זי איז שוואנגער. דאס האט זי ווי א דונער געטראפען.

אין אנהויב האט זי באשלאסען זיך צו באפרייען פון דער שוואנגערשאפט. זי האט געוואוסט פון איהרע פארהיי־ראטע חבר'טעס, אז נישט איינמאל האבען זיי זיך באפרייט פון דער פרוכט, וואס זיי האבען געטראגען אונ־טער זייער הארצען.

זי איז אוועק צו א דאקטאר, אבער באלד האט זי חרטה געקראגען. עפעס א מין רחמנות און בענקשאפט האט זי ארומגעכאפט. און ווען דער דאק־טאר האט נאך געזאגט, אז זי איז פער־פעקט געבויט און זי וועט אויסטראגען א געזונט קינד, האט עס זי איננאנצען צורודערט. דאס וועט דאך זיין א קינד פון א פיינער הייליגער ליבע. האט זי געטראכט.

זיין קינד, איהר הערי'ס קינד. קאן דען זיין א גרעסער גליק אויף דער וועלט, ווי צו דערציהען זיין קינד?

אבער ווען זי איז אריינגעקומען אין שטוב און דערזעהן איהר מאמע'ס פארצ'ווייפעלטען פנים, דערזעהן איהר מאמע'ס צער, האט זי דערפיהלט, אז ווען איהר מאמע וועט זיך דערוויסען, אז זי טראגט א קינד אונטער איהר הארצען אהן חופה־וקידושין, וועט דאס דער מאמען דער'הרג'ענען. א ממזר?! מען וועט זי פאריאגען פון הויז, וואו וועט זי זיך אהין טאן? וואו וועט זי געהן מיט א קינד אויף די הענט?

דאינע האט זיך נעבעך דערפיהלט צווישען צוויי פייערען. ביידע וועגען זיינען שלעכט. האבען דאס קינד טאר זי נישט, אומברענגען אין איהר לייב א לעבעדיג באשעפעניש ווילט זיך איר נישט. זי האט דאס קינד ליב געקרא־גען נאך איידער זי האט עס געבוירען.

די ארימע דאינע האט זיך נישט געקאנט קיין עצה געבען. אין איר נשמה האבען געקעמפט צוויי געפיה־לען, וועלכע עס איז איר געווען שווער מנצח צו זיין. זאל זי האבען דאס קינד פון איהר שטארקער ליבע, צי זאל זי אויסראטען די פרוכט פון איהרע ערש־טע הייליגע געפיהלען?

די ארימע דאינע האט זיך נישט גע־קאנט קיין עצה געבען. זי האט געטרא־גען דעם וועהטאג טיף אין הארצען.

(ווייטערס — מארגען)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקא

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

עלינאר האט א פארדריסליכע אין זיך א טראכט געטאן. פארוואס זאגט ער איהר גארניט? ער האט געדארפט זיך אנטשולדיגען פאר איהר צוליב זיין מיאוסער האנדלונג אנטקעגען איהר היינט, דעם גאנצען אוונט. און ער טוט דאס ניט.

— וועל, סעי סאמטינג, זאג מיר עפעס — האט זי פון איהם געמאנט.

— איך פארשטיי, אז דו ביזט איצט ארויפגעקומען ניט גלאט אזוי זיך...

— עלינאר, — איז לארי צוגע־גאנגען נאהענט צו איהר, איהר אנגע־נומען פאר א האנט — וואס איז מיט דיר? זאג מיר. איך האב קיינ־מאל ניט געזעהן דיר אזוי אויפגע־רייצט. עפעס האט דאך פאסירט. פארוואס ווילסטו מיר ניט זאגען?

ער האט געמיהט זיך צו ריידען רוהיג, מיט א שטילער שטימע, ווי אין קאנטראסט צו איהר געהעכערטען קול. עלינאר האט פארביסען געשוויי־גען. „ער נעמט זיך שוין אנשטויר־סען“, — האט זי זיך נאך מעהרער גערעגט. — „ער הויבט שוין אן צו פארשטעהן“...

— צו זאגען דיר דעם אמת — האט לארי ווייטער גערעדט, — דעם גאנצען היינטיגען אוונט האסטו זיך מאדנע געהאלטען, ווי דו וואלסט זיך וועלען באהאלטען פון מענשען. איבער־הויפט צום סוף אוונט ביזטו מיט עפעס ניט געווען צופרידען.

— איך? — האט עלינאר צעעפענט א פאר גרויסע אויגען. — איך האב זיך ניט געהאלטען ווי עס באדארף צו זיין? אזוי קומט ביי דיר אוים?

— יע. די משפחה מיינע, האבען נאך געקענט מיינען אז זיי געפעלען דיר ניט...

— אי דאנ'ט גיוו עי דעם. וואס זיי וועלען פון מיר טראכטען! — האט זיך ביי עלינאר'ען ארויסגעריסען א ווארט, וואס זי האט אפשר באלד אויף דעם חרטה געהאט.

„נאכדעם האט א דריקענדיגע שטיל־קייט זיך אויסגעשפרייט אין דער לופט. עלינאר האט צוגעלייגט איהרע ביידע הענט צו איהר פארפלאמטען פנים און זי איז געבליבען אזוי שטעהן אהן באוועגונג. לארי האט געפילט פאר־צווייפעלט. זי וואלט געדארפט עפעס נעמען, אויסטרינקען א גלאז ווארימע מילך אפשר, זיך בארוהיגען. נאר ער האט זיך אפגעהאלטען דאס איהר צו זאגען. זי זאל ווידער ניט ארויספלא־צען מיט א כעס. ער האט אנגעהויבען מיט א שטילען קול:

— איך האב ניט געדענקט, אז א וויזיט ביי מיר אין דערהיים זאל דיר אזוי צערודערען.

עלינאר האט נאר ביטער א לאך געטאן און גארניט געזאגט.

לארי האט א פיר געטאן מיט דער האנט איבער זיין שטערען. ער האט זיך ניט געטארט פארלירען, אדער האנדלען איבערגעאיילט. די זאך איז צו־ערנסט און עס מוז קלאר ווערען פאר זיי ביידען וואו מען האלט. עס מוז אפגעלייגט ווערען אויף אן אנדערש מאל זייער ערנסטער געשפרעך. ער וועט ווארטען ביז זי וועט זיך בארו־היגען.

דער זייגער אויפ'ן קאמין האט גע־וויזען האלב נאך איינס. עס איז שוין ווייט נאך האלבער נאכט. לארי האט אויסגעלאשען זיין פאפיראס, וואס ער האט געהאלטען אין רויכערען, און ער איז צוגעגאנגען נאענט צו עלינאר'ן.

— איך וועל שוין געהן אהיים, מיר זיינען היינט ביידע צופיל אויפגע־רעגט, — האט ער איר געזאגט.

— גוד־ביי, עלינאר.

ער האט איהר ארומגענומען און א קוש געטאן, נאר זיין זענענען זיך מיט איהר איז היינט געווען מעהר איינ־געהאלטען ווי אלע מאל. ביי עלי־נאר'ען האבען די אויגען געלויכטען מיט אן אומרוהיגען שיין, ווען זי האט איהם דערנאך אנגעקוקט.

— איך וועל דיר אפרופען, — האט ער געזאגט שוין אנטועגדיג זיין מאנ־טעל.

— ווען? — האט זי א פרעג געטאן מיט א שטימע האלב־הייזעריג.

— מארגען פארנאכט. ווען דו וועסט שוין זיין פון סקול.

זי איז איהם נאכגעגאנגען ביז צום קארידאר. ער איז ארוים און שטיל געזאגט איהר א גוטע נאכט, און שטיל צוגעמאכט נאך זיך די טיר.

זי איז נאך געבליבען שטעהן א ווייל אויף דער זייט טיר. זי האט זיך צוגעהערט צו דעם קלאנג פון זיינע טריט איבער די סך טרעפ. ער איז געגאנגען פאמעלער, ווי ער וואלט דערווייל פון עפעס איבערגעטראכט. אינסטינקטיוו האבען איהרע הענט זיך אויסגעצויגען פאראויס מיט אזא בא־וועגונג ווי זי וואלט געוואלט רופען אים צוריק. איהר האט זיך געגלוסט איצט אויסשרייען הויך אויפ'ן קול:

— „לארי, דו לאזט מיר איבער אזוי? ווי קענסטו דאס טאן?“

נאר זיינע טריט זיינען שוין שטי־לער געווארען, ער איז שוין געווען אין גאס, אויפ'ן וועג צום סאבוועי. א געפיל פון פארצווייפלונג און פאניק איז איבער איהר אדורך: — „זי וועט איהם שוין אפשר קיינמאל מעהר ניט זעהן, לארי'ן“...

דאס הארץ האט זיך איהר אפגע־שטעלט און איהרע אויגען האבען גע־קוקט ווילד מיט שרעק. זי איז גע־בליבען שטעהן קאלט, ווי פארשטיי־נערט. שפעטער האט זי זיך אוועקגע־שארט צוריק אין ליווינג־רום. זי האט דארט אויסגעלאשען די ליכט, און אין א ווייל ארום איז זי שוין געווען ביי זיך אין איהר צימער. זי האט אנגע־שפארט איהרע עלענבויגענס אן הויכען דרעסער און מיט איהרע הענט פאר־שטעלט זיך דאס פנים.

— אה! — האט זיך ביי איהר ארויסגעריסען א קרעכץ פון טיפען הארצען ארוים, און א געוויין האט אויפגעטרייסלט איהר גאנצען ווזעזען. איהרע אקסלען האבען קאנוואולסיוו געצוקט. זי האט געוויינט יאמערליך נאר שטיל, אז זי זאל ניט אויפוועקען דער מאמען איהרער.

## 24טער קאפיטעל

אויף מארגען אין דער פרי האט עלינאר ניט געקענט אויפהויבען זיך פון בעט. דער קאפ איז איר געווען שווער, ווי מיט בליי אנגעגאסען. עס איז געווען מאנטאג, א וואכעדיגער טאג און זי האט געמוזט היינט זיין אין סקול. מיט אנשטרענגונג איז זי אראפ פון בעט, זי האט אפגערופען אין איר סקול וואו זי האט געלערנט, אז זי איז היינט קראנק און זיי זאלען אויף היינט באשטעלען אן אנדער לערערין, א „סאבסטיטוט“. דער־נאך איז זי ווידער אריין צו זיך אין בעט, געפרואווט אנשלאפען ווערען. ווזן. זיך איינגעהארעט אינ'ם בעטגעוואנט און געפרואווט אנשלאפען ווערען.

איזע געדאנקען זיינען געווען פאר־נעבעלט, פארפלאנטערט. זי האט ביי־נאכט געהאט אלערליי חלומות. פאר־פלאנטערטע קאשמארען. זי האט זיך נאך געזעהן אויף דער פארטי ביי לא־רי'ן אין דערהיים, לארי איז געווען זעהר פריילעך. ער האט ביידע מיידלעך געהאלטען אונטער'ן ארעם, איר און ליליען, און ער האט זיי ביידען געקושט. פריער איר, עלינאר'ן און דערנאך ליליען. עלינאר האט זיך ארויסגעריסען פון זיין ארעם. זי האט ניט געוואלט טיילען זיין ליבע מיט נאך א מיידעל. אלע געסט האבען צוגעקוקט די סצענע און זיי האבען געלאכט.

איצט האט עלינאר ווידער גענומען איינדרימלען. נאר זי האט געהערט ווי בעלא, די מאמע אירע איז אריינגעקו־מען אין צימער, האט זי געעפענט די אויגען.

(ווייטערס — מארגען)

# די מאמע מיט איהר טאכטער

(שלום פון פעידזש 2)

טונג, קוקט איבער עטליכע מאל א שורה ביז זי כאפט דעם זין, און ווארט. די רייזע פון דער שווינגער'ס הויז געדויערט א צוואנציג מינוט. הערי'ט וועט מסתמא פאלגען, ס'איז ניט דאס ערשטע מאל. זי וועט קומען. דאס קעמפט זי מיט איר אזוי, הע־ריעט, שטראפט זי, דער מוטער, זי וויל זי אנלערנען. יא, ס'איז א שווע־רער געראנגעל... אבער, זי וועט ווי־טער קעמפען, וועט ניט נאכגעבען. ס'איז איר קינד. זי מוז זי אפהיטען.

און די מוטער ווארט א האלבע שעה, א שעה, שוין האלב נאך עלף. אפשר איז די טאכטער ניט ארויסגע־פארען? זי וואלט טעלעפאנירט, ווייל זי ניט אנהויבען אזוי שפעט ביינאכט קיין טענות מיט קיין קריגערייען. אפשר האט זי גאר זיך אפגעשטעלט ריידען ערגעץ מיט די גראבע, פרעכע יונגען, און זיי האבען מיט די שמיי־כעלער און גוטע ריידעלער. זי פאר־שלעפט ערגעץ מיטען נאכט, די אויסוואורפען?... אוי, גאטעניו, וואס טוט מען מיט דער מיידעל?... און דא ווערט זי ערשט עלטער, זעלבסט־שטענדיגער... יא, ס'איז א ביטערער לעבענס־קאמף...

און ווען די מאמע איז פארטאן אין זארג און אין נאכטראכטעניש, ליגט הערי'עט אויפ'ן געלעגער ביי דער בא־בען אין הויז. זי איז פול מיט אומ־רוה און קען ניט איינשלאפען. יא, א רחמנות אויף דער מאמען. זי האט אזוי פיל צער און הארצוועהטאג. אבער — ס'איז איר אזא פארדרוס! פארוואס וויל זי ניט פארשטעהן, די מוטער? פארוואס האט זי ניט קיין צוטרוי צו איר? וואס זאל זי טאן, אז זי איז אומרוהיג, ס'ציהט איר צו די אינגלעך, ווי א כישוף, און זי האט פארגעניגען צו פארברענגען מיט זיי? אבער זי איז ערליך און וועט זיין ערליך. איז וואס הייסט, די מאמע שטערט איר אירע פארגעניגענס?

— מארגען, — גיט זי זיך א רייס־אויף פון איר פארטראכטקייט און בא־שליסט פעסט — מארגען וועט זי געהן אהיים און אלץ ווידער איבער־ריידען מיט דער מאמען מיט גוטען. אויב זי וועט פארשטעהן, איז אוודאי גוט. אויב ניט, איז — מלחמה!

אזוי שטעהט דאס ארימע הויז אין א קאמף. צוויי אייגענע, צוויי טייערע פריינד, מוטער און טאכטער, ווילען זיך ניט פארשטעהן, זיינען געווארען צוויי פיינדליכע צדדים, און אין הויז איז א שלאכט־פעלד.

# האט איר שוין אויסגעפילט אייער סטעיט אינקאם טעקס?

(שלוס פון עדיטאריעל פעידזש)

שטאטישען סעילס טעקס אין ניו יארק און אנדערע שטעט.

מען קען נ י ט אראפרעכענען דעם פעדעראלען אדער סטעיט אינקאם טעקס אלס טעקסעס; די פעדעראלע טעקסעס אויף אטאמאביל־טאירס, סי־גארעטס, קענדי, פארס און דזשולערי, פאנאגראף און ראדיא; דעם סטעיט סיגארעט טעקס; ירושה־טעקסעס.

ביי מעדיקעל דעדאקשאנס קען מען אראפרעכענען מעדיצינישע און דענ־טיסט עקספענסעס אויף ווי ווייט זיי באטרעפען מעהר פון 5 פראצענט פון דעם נעט איינקונפט. מען קען, נא־טירליך, ניט אריינרעכענען קיין עקס־פענסעס, וואס מען האט צוריקגעקרא־גען דורך אינשורענס.

העכסטענס קען אן איינצעלנער מענש רעכענען $750 פאר מעדיקעל דעדאקשאנס. ביי א דזשאינט ריטוירן אדער ביי א „הויפט פון א פאמיליע“ קען מען „דעדאקטען“ ביז $1.500.

### אינשורענס פרעמיום

א ספעציעלער פונקט איז וועגען לאיף אינשורענס פרעמיום. מען קען אראפרעכענען ביז $150 אויף דער לאיף אינשורענס פרעמיאום פון דעם טעקס־צאלער. דערביי דארף מען אראפרעכענען „דיווידענדס“, וואס מען קריגט פון דער אינשורענס קאמפאני.

דאס גילט בלויז פאר'ן טעקס־צא־לער. דעם דעדאקשאן קען מען מען ניט קריגען פאר א דעפענדענט.

ביי א דזשאינט ריטוירן קען מען אראפרעכענען ביז $300 פאר מאן און פרוי.

### קאנטריביושאנס, ביזנעס - אויסגאבען, און אלימאני

ביישטייערונגען צו פארשידענע פי־לאנטראפישע, בילדונגס און רעליגיעזע ארגאניזאציעס קען מען אראפרעכענען, אבער ניט מעהר ווי 15 פראצענט פון נעט איינקונפט.

מען קען אראפרעכענען, אלס „דע־דאקשאן“ פארשידענערליי אינטערעסט צאלונגען — די פראצענטען וואס מען צאלט אויף א פערזענליכער הלוואה אדער א מארטגעדזש, נאטירליך אויך אויף א קאאפעראטיווער הויז (ווי אויך טעקסעס דארט).

אויב איר האט אין 1949 פעסטגע־שטעלט, אז א געוויסער חוב, וואס עמי־צער איז אייך שולדיג, איז א פארלא־רענע זאך, קענט איר אים אראפנעמען אלס „בעד דעט“.

אויך קענט איר אראפנעמען די „ביז־נעס“ אויסגאבען, וואס זיינען דירעקט פארבונדען מיט אייער ארבייט — יו־ניאן דיוס, זשורנאלען, וואס איר קויפט, אויב איר זייט א שרייבער, און אזוי ווייטער.

מען קען אויך אראפנעמען אלימאני, וואס איינער צאלט לויט א רעגולער קאורט־ארדער, אלס א דעדאקשאן.

ביי די אלע דעדאקשאנס דארף מען האבען אין זינען, אז מען קען זיי אראפ־רעכענען בלויז אין פאל מען האט ניט גענומען דעם „פלעט דעדאקשאן“ פון 10 פראצענט.

### דער טעקס

נאכדעם ווי מען נעמט אראפ די דע־דאקשאנס און עקזעמשאנס, רעכענט מען אוים דאס וואס מ'רופט דעם „נאר־מאל טעקס“. דאס איז 2 פראצענט פון די ערשטע $1,000, וואס איז איי־בערגעבליבען נאכ'ן אראפרעכענען דע־דאקשאנס און עקזעמשאנס; 3 פרא־צענט פון די צווייטע און דריטע $1,000, 4 פראצ, פון די 4טע און 5טע $1,000, 5 פראצענט פון די 6טע און 7טע $1,000, 6 פראצענט פון די 8טע און 9טע $1,000, 7 פראצענט אויף אלץ איבער $10,000. (אויב מען האט „קעפיטאל גיינז“ — א פראפיט פון קאפיטאל, ווי פון סטאקס אדער פאר־קויפען א הויז — איז דער טעקס א העלפט פון דעם אויבען־געגעבענעם.)

אט איז א ביישפיל. אויב איר האט נאכ'ן אראפרעכענען דעדאקשאנס און עקזעמשאנס געהאט איבערגעבליבען $4.100, איז דער חשבון ווי פאלגט:

2 פראצענט פון די ערשטע $1,000 — עס הייסט $20 טעקס.

3 פראצענט פון די נעקסטע $2,000 — עס הייסט $60.

4 פראצענט פון די געבליבענע $1,100 — $44.

צוזאמען איז דער טעקס $20 מיט $60 מיט $44 — $124.

דאס איז דער „נארמאל טעקס“. פון דעם „נארמאל טעקס“ רעכענט מען אבער בלויז 90 פראצענט, ווי מיר האבען פריהער ערקלערט. 90 פראצענט פון $124 איז $105.60. דאס שטעלט איר אויף דער „לאין“ נאכ'ן „לאין“ פון נארמאל טעקס, און דאס איז דער טעקס—$105.60 — וועלכען איר דארפט צאלען.

ביי פילע וועט, נאטירליך, דער חשבון ווייזען, אז זיי דארפען קיין טעקס ניט צאלען, אבער דעם ריטוירן דארפען זיי סאי־ווי אריינשיקען. אר־בייטער, וואס וואוינען אויסער ניו יארק סטעיט, דארפען אראפרעכענען דעם ספעציעלען ס ט ע י ט „וויטהאלדינג טעקס“, וואס מען נעמט אראפ פון די וועידזשעס.

### ווי צו צאלען: מיט אמאל אדער אין אינ־סטאלמענטס?

דעם טשעק אדער מאני ארדער דארף מען אויסמאכען אויף דעם נאמען פון סטעיט טעקס קאמישאן:

STATE TAX COMMISSION

צאלען קען מען אדער מיט אמאל אדער אין אינסטאלמענטס.

נאטירליך, אויב מען וויל אפ'פטר'ן דעם עסק, ק ע ן מען צאלען מיט אמאל, און עס איז גלייכער דאס צו טאן. אויב דער טעקס איז $5 אדער ווייניגער, מ ו ז מען צאלען די גאנ־צע סומע מיט אמאל.

אויב דער טעקס איז פון $5 ביז $10, קען מען צאלען אין צוויי אינסטאל־מענטס; דער ערשטער אינסטאלמענט מוז זיין $5.

אויב דער טעקס איז פון $10 ביז $15, קען מען צאלען אין דריי אינ־סטאלמענטס. די ערשטע צוויי אינ־סטאלמענטס מוזען זיין צו $5.

אויב דער טעקס איז פון $15 ביז $20, קען מען צאלען אין פיר אינסטאל־מענטס: די ערשטע דריי צו $5.

אויב דער טעקס איז $20 אדער מעהר, קען מען צאלען אין פיר גלייכע אינסטאלמענטס. למשל, ווען מען האט א טעקס פון $27.50, צאלט מען דעם ערשטען אינסטאלמענט $6.88, דעם צווייטען — $6.88, דעם דריטען — $6.88, דעם 4טען און לעצטען — $6.86

ביי אינסטאלמענטס צאלט מען ניט שפעטער פון 15טען אפריל, דעם 15טען יולי, דעם 15טען אקטאבער און דעם 15טען יאנואר, 1951.

פארגעסט ניט, דער סאמע לעצטער טאג אריינצושיקען דעם סטעיט אינ־קאם טעקס איז שבת, דער 15טער אפריל. קיין נאטארי פאבליק דארף מען ניט. מען שרייבט אליין אונטער דעם ריטוירן — און פטור. ביי א דזשאינט ריטוירן, דארפען נאטירליך ביידע — דער מאן און די ווייב זיך אונטערשרייבען.

די, וואס פרואווען זיך אויסדרעהען פון שיקען דעם ריטוירן, ווי אויך די, וואס פאלשעווען דעם ריטוירן, קענען באשטראפט ווערען. אויב מען שיקט דעם ריטוירן נאכ'ן 15טען אפריל, קען מען שטראפירט ווערען 5 פראצענט פון דעם טעקס אין מאנאט, אבער ניט ווייניגער פון $2. אויב דער טעקס איז, למשל, $50, און מען שיקט אים אריין דעם 15טען יוני אנשטאט דעם 15טען אפריל, קומט שטראף פאר צוויי מאנאטען. פינף פראצענט פון $50 איז $2.50, 1 פראצענט אינטע־רעסט פאר די 2 מאנאטען איז $1. צוזאמען איז די שטראף $3.50.

### ספעציעלער ביזנעס־טעקס

אחוץ דעם רעגולערן סטעיט אינקאם טעקס, האט ניו יארק אויך א ספעציע־לען ביזנעס־טעקס, וואס מען דארף אריינשיקען ניט שפעטער פון 15טען אפריל. דאס איז דער טעקס אויף אלע געשעפטען, סטארס, און אנדערע פיר־מעס אדער איינצעלנע מענשען, וואס פירען אן א ביזנעס אין ניו יארק סטעיט, אויב זייער גראס איינקונפט האט באטראפען מעהר פון $10.000 אדער זייער נעט איינקונפט האט בא־טראפען מעהר פון $5.000. אויב א ביזנעס איז אנגעפירט געווארען בלויז א טייל פון יאר, לאמיר זאגען זעקס חדשים, דארף מען אריינשיקען דעם ראזיגען ריטוירן אויב דער נעט איינ־קונפט האט באטראפען מעהר פון $2.500.

אין דעם טעקס געהען אבער ניט אריין קיין קארפארעישאנס און קיין פראפעשאנעלס, ווי דאקטוירים, דענ־טיסטען, לאיערס און ארכיטעקטען, וואס פירען אן זייער אפיס ווי א ביז־נעס.

מען רופט עס דעם „אנא־נקארפא־רעיטעד ביזנעס טעקס“. אויסצופילען דארף מען אויפ'ן פארם 202, אויב מען איז אן איינצעלנער ביזנעסמאן, א גע־שעפט, עסטעיט אדער „טראסט“; פארטנערס געברויכען פארם 204. דער טעקס איז 3 פראצענט, נאכדעם ווי מען האט אראפגערעכענט אויסגאבען, קאנ־טריביושאנס, און דעם געהאלט צו וועלכען א פערזאן איז בארעכטיגט אין זיינע ביזנעס. דער געהאלט טאר ניט זיין מעהר ווי 20 פראצענט פון נעט איינקונפט פון דער ביזנעס, און העכ־סטענס $5.000.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— דו געהסט היינט ניט אין סקול?
—האָט בעלאַ געפרעגט ביי איר.

— ניין, איך פיל עפעס ניט גוט היינט.

— וואָס איז דיר? — איז בעלאַ נע־הענטער צוגעגאַנגען צו איר טאָכטער'ס בעט.

— אַ, ס'איז מיר גאָרניט, איך וועל באַלד אויפשטעהן.

בעלאַ האָט געברענט מיט נייגעריגקייט צו דערוויסען זיך ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען דער אָוונט ביי לאַרי'ן אין הויז. דאָס באַקענען זיך מיט זיין פאַמיליע. זי האָט זיך צוגעזעצט אויפ'ן ראַנד פון עלינאָר'ס בעט און גענומען איר פאַנאַנדערפרעגען:

— נו, ווי איז דאָרט צוגעגאַנגען דער אָוונט, עלינאָר? דערצעהל וואָס פאַר אַ מענשען זיינען זיי, זיין טאַטע־מאַמע, וואָס פאַר אַ הויז איז דאָרט.

— זיי זיינען אַלראַיט. — האָט עלינאָר אָפּגעענטפערט האַלב פאַרשלאָפען.

— אַלראַיט? דאָס איז אַן ענטפער?
— איז בעלאַ שוין געוואָרען אין כעס.

— לאָז מיך צורוה, מאַ. איך בין שלעפעריג — האָט עלינאָר זיך אָפּגעבעטען ביי דער מאַמען. בעלאַ האָט אַ פאַרדריסליכע אַ קלער געטאָן וועגען איר טאָכטער:

„עס הויבט זיך שוין אָן מיט עלינאָר'ן, שוין פאַרדרעהט די משוגעת, און מען קען גאָרניט אַרויסקריגען פון איר. אַז זי וועט איר נעמען צופיל פאַנאַנדערפרעגען וועט נאָך זיין ערגער. דעמאָלט וועט זי גאָרניט דערצעהלען.

אויף אַזוי פיל קען זי שוין איר טאָכטער, און זי איז אַן אַנגע'ברוגז'דיגע אַרויס פון צימער.

דעם גאַנצען מאָנטאָגדיגען טאָג האָט בעלאַ געדאַרפט זיין „דאַון־טאַון" צוליב אירע ביזנעס פון אַרומגעהן איבער די סטאָרס און איינקויפען דרעסעס פאַר אירע פרויען־קאַסטאַמערס. און עלינאָר איז דעם טאָג פאַרבליבען אַליין מיט זיך. זי האָט איצט ליגענדיג אין בעט איבערגעטראַכט, ווי קען זי דערצעהלען איר מאַמען אַז זי האָט געהאַט אַ קריג מיט לאַרי'ן. ווי גרייט מען איר צו פאַר דעם. אַז זי וועט קומען פון גאַס וועט זי דאָך באַלד ווידער אָנהויבען מיט אירע פראַגעס. וואָס קען זי איר זאָגען?

זי איז אַראָפּ פון בעט און אין איר פרימאָרגן־קלייד און די שטוב־שיך האָט זי זיך אַוועקגעשאַרט איבער'ן שטוב. זי האָט מיט דער האַנט אַ פיר געטאָן איבער איר שטערן. ווי וועלענדיג זיך דערמאָנען וואָס זי דאַרף איצטער טאָן.

זי איז צוגעגאַנגען צו איר דעסק, עפעס דאָרט אַ זוך געטאָן צווישען די פּאַפּירן, מיט אַ גלייכגילטיגער האַנט. זי האָט צועפענט אַ בוך, וואָס איז פון אויבען געלעגען אויפ'ן דעסק. אַ ווייל־ע מיט אַ בלעטער געטאָן און באַלד צוריק פאַרמאַכט. דערנאָך איז זי אַריין אין קיך, געפּרואווט נעמען עפּעס עסען, נאָר עס האָט איר דער ביסען געשטיקט אין האַלז.

שפּעטער איז זי געזעסען אין ליווינג רום אויפ'ן אָטאָמאַנע, מיט די פיס אונטער זיך, אָנגעטאָן אין איר מאַמע'ס אַ סיועדער האָט זי זיך געגורעט פון קעלט. כאָטש אין שטוב איז געווען וואַרעם. זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ קליין מיידעל, פאַראומערט און פאַרלאָזען.

אין האַרצען האָט גענאָגט די איי־פערזוכט, די באַליידיגונג, וואָס לאַרי האָט אין זינען נאָך אַ פרוי אַ חוץ איר. אין דער זעלבער צייט האָט אַ געפיל פון חרטה גענומען גריזשען איר דאָס האַרץ און זי האָט געהאַט טענות איצט צו זיך אַליין:

— „פאַרוואָס האָט זי ניט געקענט איינהאַלטען איר כעס? זי האָט אים ניט געדאַרפט אַרויסווייזען איר אויפרעגונג. פאַרוואָס האָט זי ניט געוואַרט אויף מאָרגען, ביז ער אַליין וועט אָנהויבען פון דעם ריידען, וואָס האָט זי דאָ אויפגעטאָן?

זי האָט דערמאָנט זיך איצט אויף לאַרי'ן ווי ער האָט דאָ נעכטען ביינאַכט אַרומגעשפּאַנט איבער'ן צימער, געדרוי־בערט איין פּאַפּיראָס נאָכ'ן אַנדערען. ער איז אויך געווען אויפגערעגט. זיין זעגענען זיך איז ניט געווען ווי אַלע מאָל, נאָר קאַלט און איינגעהאַלטען. און ווידער איז געקומען איבער איר אַ שרעקליכער געדאַנק, אַז מער וועט זי אפשר אים שוין ניט זעהן. זי האָט אַזש אויפגעציטערט. וואָס פאַר אַ ווילדער איינפאַל דאָס איז.

זי האָט איצט געפּרואווט אַרויסרופען אין געדאַנק דעם לאַרי'ן, וואָס ער קען זיין אַזוי צערטליך מיט איר, וואָס זיין בליק פאַרמאָגט אין זיך פאַרשטענדעניש פאַר איר. און דער זיכערער טאָן פון זיין שטימע רוהיגט איין. ער וועט קומען צו איר, ער וועט ריידען צו איר ווייך, און ער וועט איר דערצעהלען ווי ליב ער האָט איר. נאָר איר, און ניט קיין אַנדערער. ער וועט מיט ביידע הענט אַרומנעמען איר פּנים, ווי ער האָט אַ געוואוינהייט דאָס צו טאָן, און ער וועט איר קושען, און ריידען צו איר מילד.

די שטימונגען אין יענעם טאָג האָבען ביי עלינאָר'ן אַלע ווייל־ע געהויבען זיך און געפאַלען, ווי ביי אַ קראַנקען אין פיבער. געווען ביי איר מינוטען ווען זי האָט געזאָגט צו זיך, אַז זי טאָר זיך ניט איינריידען אַז לאַרי איז גוט. זי האָט דעמאָלט אין איר געדאַנק אויפגעבויט אַ טורעם פון באַשולדיגונגען אַנטקעגען אים, און איר כעס אויף אים האָט דעמאָלט אויפגעשטייגט אויפ'ן העכסטען גראַד. וואָס ווייס זי, וואָס פאַר אַ לעבען ער האָט געפירט ביז ער האָט איר דערקענט? לאַרי געפעלט פרויען, און ער אַנטלויפט ניט פון זיי. ער איז ניט שעמעוודיג און ניט צוריקגעצויגען מיט זיי. זי האָט זיך דערמאָנט ווי איינמאָל, ווען זי האָט אויף אים געוואַרט אין „לאָבי" פון האָספּיטאַל. וואו ער אַרבייט, איז ער אַראָפּ פון די טרעפּ צוזאַמען מיט אַ יונגער נוירס, מיט וועלכער ער האָט פרייליך געפּלאַפּלט. זי האָט נאָך דעמאָלט דערפילט אַ שטאָך פון אייפערזוכט אין זיך.

„וועט זי דאָס אַלע מאָל אַזוי ליידען? עס איז אין לאַרי'ס נאַטור. ער האָט ליב אַ פלירט צו טאָן מיט אַ פרוי".
— איז עלינאָר איצט געווען ביי זיך זיכער. — „שפּעטער, אַז זיי וועלען חתונה האָבען וועט ער האָבען אַ סך געלעגענהייטען פאַר דעם, און זי, עלינאָר, וועט דאָס דאַרפען פאַרקוקען"...

„אויב עס וועט ניט זיין ליליען, וועט זיין אַן אַנדערע" — איז עלינאָר אַלץ געזעסען און איבערגעטראַכט. — און די ליליען פון נעכטיגען אָוונט". — זי איז איצט געשטאַנען קלאָר פאַר אירע אויגען, ווי אַ געשפּענסט, מיט אירע בלאָנדע האָר, און דעם פולען בוזעם. און דעם רוהיגען שמייכעל אירען, און די צוויי אויגען, ווי בלויע פּייערלעך.

עלינאָר האָט זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט און זי האָט פאַר זיך קיין אָרט ניט געפונען אין שטוב. פונקט ווי נעכטען אין אָוונט, ווען זי, ליליען, איז געשטאַנען מיט לאַרי'ן און אַלע ווייל־ע האָט זי זיך אָנגעבויגען צו אים און אים עפּעס געזאָגט, און זיי ביידע האָבען פון עפּעס געלאַכט.

דער טאָג האָט זיך היינט געצויגען צו־לאַנג פאַר עלינאָר'ן. דער טרויער האָט שווער געדריקט אויף איר געמיט. לאַרי האָט צוגעזאָגט איר אָנרופען היינט. נאָר ער איילט זיך ניט. ער האָט צייט; און זי וואַרט און וואַרט. אין שטוב איז אַזוי שטיל; זי פיהלט זיך ווי אין אַ פּאַסטקע. זי מוז אַוועקגעהן ערגעץ.

זי איז אַריין צו זיך אין צימער זיך איבערצוטאָן. געשטעלט זיך לעבען איר דרעסער אַנטקעגען שפּיגעל און זי האָט אויפגעציטערט.

ווי שרעקליך זי זעהט איצט אויס: די אויגען קוקען מיט אַזאַ אומעט; אונטער די אויגען טונקעלע רעדער. איר פּנים איז עפּעס דינער געוואָרען און דער קאָליר פון דער הויט איז גרינגעל. יע, נאָך אַזאַ אָוונט ווי נעכטען...

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ שטילען זיפץ, גענומען אויפקלייבען אירע זאַכען אַנצוטאָן זיך. זי האָט געהאַט אין זינען געהן צו איר חבר'טע מאַרטאַ. שוין לאַנג אַז זיי האָבען זיך ניט געזעהן. מאַרטאַ איז געווען די איינציגע פון אַלע אירע חבר'טעס מיט וועמען זי האָט ליב געהאַט ריידען אָפּען פון אַלע אירע אינטימע איבערלעבונגען.

נאָר באַלד האָט עלינאָר חרטה געהאַט און באַשלאָסען ניט צו געהן. זי האָט זיך געשעמט צו דערציילען מאַרטאַ'ן, אַז זי האָט נעכטען געהאַט אַ קריג מיט לאַרי'ן. מאַרטאַ וועט זאָגען, אַז זי, עלינאָר, איז די שולדיגע... עלינאָר ווייס איר חבר'טעס קוק אויף זאַכען: עס ווענדט זיך זעהר אַ סך אַז דער פרוי, אַז דאָס צוזאַמענלעבען פון אַ מאַן און אַ פרוי זאָל אַוועק גוט. יע, מאַרטאַ'ן איז גרינג צו ריידען. עלינאָר האָט איצט געפיהלט, אַז אַפּשטמאָל קען מען אַפילו די אינטימסטע פריינט זיך ניט פאַרטרויען...

(ווייטערס — מאָרגען)

## אַ „שטילע רעוואָלוציע" אין דער לאַגע פון די נעגערס אין באָסטאָן

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

וואַרען אוים בונט און פון דאַן אַז הערשט זעהר אַ פריינטליכע שטימונג צווישען די אַרבייטערינס.

ווי עס איז צו זעהן פון אויבען־באַשריבענעם מאַכט באָסטאָן גרויסען פאָרטשריט אין דער ריכטונג פון לייזען דעם נעגער־פּראָבלעם. אין איין הינזיכט הינקט נאָך די שטאָט אונטער און דאָס איז די „וואוינונג־פּראָבלעם".

די נעגערס פון באָסטאָן קאָנצענטרירען זיך הויפּטזעכליך אין איין געגענט וואָס גרעניצט זיך מיט דער אידישער געגענט פון ראָקסבורי. שוין עטליכע יאָהר ווי די „שוואַרצע באַפעלקערונג" רוקט זיך אַלץ מעהר און מעהר אַריין אין דעם אידישען טייל. און די אידען לויפען פון דאָרט.

אין געוויסע פאַלען לאָזען די אידען ניט צו, אַז נעגערס זאָלען קויפען „פּראָפּערטי" אין זייער געגענט. אין איין פאַל, ווען אַ רייכע נעגערין האָט אָפּגעקויפט אַ גרויס הויז אין אידישען געגענט און האָט געוואָלט דאָרט איינריכטען אַ „קאָנוואַלעסענט האָום" פאַר נעגערס, האָבען די אידישע שכנים אָנגעשפּאַרט אין די הויכע פענסטער און זיך פאַרזיכערט, אַז די פרוי זאָל ניט באַקומען קיין „פּערמיט" פון שטאָט פאַר אַ „קאָנוואַלעסענט האָום". די פרוי איז געווען געצוואונגען צו פאַרקויפען די הויז מיט אַ גרויסען פאַרלוסט.

לויט'ן נייעם פעדעראַלען געזעץ טאָר ניט זיין קיין דיסקרימינאַציע געגען נעגערס אין די „פּאַבליק האַוזינג פּראָדזשעקטס". קיין דיסקרימינאַציעס עקזיסטירען טאַקע ניט, אָבער „סעגרעגעישאַן" (אָפּגעזונדערטקייט) עקזיסטירט יאָ.

מען האָט אין באָסטאָן אין די לעצטע יאָהרען אויפגעבויט פילע פּראָיעקטען פון „פּאַבליק האַוזינג". די נעגערס האָט מען אַוועקגעגעבען דעם „לענאָקס פּראָדזשעקט" מיט 379 אַפּאַרטמענטס. אין „אָלד אָרטשאַרד פּאַרק" האָט מען די נעגערס געגעבען 45 אַפּאַרטמענטס פון 1,000 און די 45 זיינען אָפּגעזונדערט אין אַ באַזונדערען בלאָק.

דער איינציגער „פּראָדזשעקט", וואו עס וואוינען ווייסע און שוואַרצע געמישט, איז דער סעטעלמענט אין „פרענקלין פילד" פאַר וועטעראַנען, אָבער די צאָל נעגערס דאָרט איז אַ נישטיגע.

די ליבעראַלע כוחות פון באָסטאָן באַמיהען זיך אַצינד צו בייטען דעם „סטעיט האַוזינג" געזעץ, אַז ער זאָל זיך לייענען: „עס זאָל ניט זיין קיין דיסקרימינאַציע און אָפּגעזונדערטקייט" אַנשטאָט נאָר דעם אויסדרוק: „עס זאָל ניט זיין קיין דיסקרימינאַציע". און עס וואָלט געווען טאַקע ניט מעהר ווי רעכט, אַז יענער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג וועלכער שרעקט זיך נאָך אַלץ פאַר'ן „נעגער" אַלס אַ שכן, אַז ער זאָל זיך באַזינען און געדענקען אַ גאַנץ יאָהר די מעשה פון דער פּסח'דיגער „הגדה": „עבדים היינו לפרעה במצרים".

זאָל דאָ טאַקע פאַרצייכענט ווערען, אַז די „אורבאַן ליג" ווערט פיל אַרויסגעהאָלפען אין איהר אַרבייט דורך אידישע ביזנעסלייט און מאַנופעקטשורערס, וועלכע זיינען די ערשטע גרייט אָנצושטעלען נעגערס ביי יעדער מעגליכקייט. מען דאַרף אָבער ניט פאַרקוקען יענעם טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג וואָס פערנעלט זיך אין שמאַלץ פון אייגענער גרויסקייט, און קען זיך ניט באַפרייען פון ראַסען־סנאָביזם, וואָס איז ניט קיין אידישע מידה און איז פרעמד דעם אידישען גייסט.

# א לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

ס'איז שוין געווען נאָהענט צו פאַר־נאַכט, ווען דער טעלעפאָן האט זיך צעקלונגען און איבערגעריסען די שטיל־קייט פון שטוב. עלינאָר האט דעמאָלט געהאַט זיך צוגעלעגט אויף דער אָטאָ־מאַנע און איינגעדרעמעלט. זי האט זיך געגעבען א ריס פון אָרט, אוועק־געיאָגט זיך צום קאָרידאָר און א כאַפּ געטאָן די טעלעפאָן־טרייבעל אין האַנט.

— עלינאָר? — האט זי דערהערט לאַרי'ס באַקאַנטע שטימע.

— יע, דאָס בין איך. העלאָו, לאַרי.

— וואָס מאַכסטו איצט? ווי פיהל־סטו, עלינאָר?

— אָ, איך בין אַלראַיט — האט זי געמאַכט איר שטימע אַזוי רוהיג ווי נאָר מעגליך.

— דאָס איז גוט; איך בין צופרידען.

— און דו, לאַרי, ווי פיהלסטו היינט?

— איך בין אויך אַלראַיט. איך אַר־בייט, ווי געוויינליך — האט ער איר געזאָגט. — איך האָב געוואַרט מיט אָפּרופען, צו מאַכען זיכער אַז דו ביזט שוין דאָ פון סקול.

עלינאָר האט ניט געוואָלט אים זאָ־גען, אַז זי איז היינט אין סקול אינ־גאַנצען ניט געגאַנגען. זי האט געוואַרט צו פרעגען ביי אים: „וועסט קומען היינט מיך זעהן, לאַרי?" נאָר זי האט עס ניט געקענט טאָן. א ווײַלע האָבען זיי ביידע געשוויגען.

— איך וועל קומען דיר זעהן אין איינעם פון די טעג — האט איר לאַרי ענדליך געזאָגט נאָך א ווײַלע פון שטיל־שווייגען.

— וועלכען טאָג, לאַרי? דו קענסט מיר איצט ניט זאָגען?

— איך וועל דיר פריהער אָפּרופען.

— אַלראַיט, לאַרי — און ווידער א שטיל־שווייגען.

— וואָס טראַכסטו איצט, עלינאָר?

— האט זי ווידער געהערט זיין שטימע.

— איך? איך האַלט איצט אינמיטען עסען — האט עלינאָר געמאַכט א פרייליכען קול.

— גיי, ענדיג דיין עסען, — האט לאַרי אויך געערדט אין א גוטמוטיגען טאָן.

זיי האָבען זיך געזעגענט און דער טעלעפאָן איז אַנטשוויגען געוואָרען. עלינאָר איז געבליבען זיצען מיט דער טעלעפאָן־טרייבעל אין האַנט און גע־קוקט פאַר זיך מיט בלאָנדזשענדיגע אויגען. באַלד האט זי אויפגעהאַנגען דאָס טרייבעל און זיך אוועקגעשאַרט צוריק אין ליווינג־רום, זיך ווידער גע־לעגט אויפ'ן אָטאָמאַנע און איינגעגנו־רעט זיך אינ'ם בארג קישעלעך.

לאַרי איז געווען א פאַראַנטוואָרטלי־כער מענש. ער איז געווען א געזעצ־טער און א רוהיגער פון דער נאַטור. קיינמאָל האט ער ניט געהאַנדעלט אי־בערגעאײַלט. נאָר אַלץ האט געמוזט פריהער גוט איבערגעטראַכט ווערען איידער ער האט אָנגענומען א באַשלוס וועגען וועלכען־עס־איז ענין.

אַז ער האט באַגעגענט עלינאָר'ן און ער האט זיך אין איר פאַרליבט, האט זיך פאַר אים געעפענט א נייע וועלט. עלינאָר האט מיט איר פּערזאָן אַריינ־געבראַכט אַנדערשקייט אין זיין טאָג־טעגליכען לעבען, וואָס איז ביז איצט געווען האַרט און שטרענג און אויס־געפילט מיט ערנסטער אַרבייט.

אַז ער האט מיט איר גערעדט וועגען חתונה־האָבען, האט ער דאָס געמיינט ערנסט. אין אַלץ וואָס ער האט געטאָן איז געווען עהרליך און אויסגעהאַלטען מענשען האָבען אים פאַר אַזעלכען גע־קענט און אין דער פאַמיליע זיינער האָבען שוין אַלע געוואוסט:

„אַז לאַרי זאָגט עפּעס, מעגסטו זיך שוין אויף אים פאַרלאָזען..."

ער האט געפּלאַנט מיט איר צו בויען זיין צוקונפט. אַזאַ מיידעל ווי עלינאָר וועט אַריינברענגען שעהנקייט, קלאָר אין זיין לעבען. ער האט ליב געהאַט איר סענסיטיווע נאַטור און אויסדרוקס־פולע אויגען; דעם איבערגאַנג פון אירע שטימונגען; ווען זי האט זיך מיט עפּעס געפרייט און איז געווען ענטוז־יאַסטיש, אָדער זי איז געווען אומע־טיג פאַרקלערט; ס'איז אים געווען פאַרכאַפּענד־אינטערעסאַנט, ווי בשעת ש'זעהט אַמאָל שפּילען אין טעאַטער א קינסטלער מיט טאַלאַנט.

עלינאָר איז געווען אַביסעל הפקר'דיג אין אירע מאַניערען און אין די באַנע־מונגען, און דאָס האט גערייצט זיין מענערשע נייגעריגקייט. ער האט גע־וואוסט, אַז דאָס וועט אין איר איבער־געהן; שפּעטער, אַז זיי וועלען חתונה האָבען, וועט זי ווערען געזעצטער, רו־היגער. דאָס פאַרהייראַט לעבען וועט אויף איר ווירקען באַרוהיגענדיג.

אויב דאָס מיידעל ליליען איז לאַרי'ן דעמאָלסט געקומען אויפ'ן זינען, איז דאָס נאָר געווען צוליב דעם קאָנטראַסט פון די ביידע מיידלעך: ליליען איז געווען שעהן, נאָר ניט צופיל איבערגע־שפּיצט, און ס'איז אים ניט געווען אינטערעסאַנט מיט איר צו פאַרברענ־גען. ניט אומזיסט האט לאַרי אויס־געקליבען עלינאָר'ן. מיט זיין אויסגע־איידעלטען געשמאַק האט ער באַלד דערזעהן עלינאָר'ס באַזונדערע אייגענ־שאַפטען. זי איז שאַרף, אינטעליגענט. זי איז ניט ווי אַלע. זי וועט קענען מיטגעהן מיט אים אין אַלץ; מיט איר וועט ער קענען ריידען פון זיינע אַר־בייטען, פון זיינע אויפטוהונגען אין דער מעדיצינישער פּראָפעסיע. ער איז געווען שטאָלץ מיט איר. ער האט גוט געטראָפען. און זיין באַשלוס איז גע־ווען א פעסטער: צו פאַראייניגען זיך מיט דער מיידעל, וואָס ער האט ליב.

איצט איז לאַרי מיט אַמאָל געוואָרען אומזיכער מיט זיין באַשלוס. גרויסע ספקות האָבען אים אַרומגענומען: צי איז עלינאָר די ריכטיגע באַשערטע פאַר אים?

די נעכטיגע סצענע ביי איר אין שטוב נאָך'ן וויזיט זייערען ביי זיין טאַטע־מאַמע, איר פלוצלומדיגער אויס־ברוך פון כעס, איז געווען פאַר אים אַזוי אומפאַרשטענדליך. ער האט גע־פיהלט ווי א שטימע אינווייניג אין אים וואָלט אים געוואָרענט: „באַ־טראַכט זיך גוט, לאַרי פינקעל, וואָס דו טוסט, איידער ס'איז נאָך ניט צו־שפּעט..."

געוויס זיינען שוין פריהער אויך געווען ביי אים מינוטען ווען א צווייפעל האט זיך פאַר'גנב'עט אין אים וועגען עלינאָר'ן. ער האט געזעהן אין איר חסרונות: זי איז נערוועז און פול מיט קאַפּריזען; זי איז א היציגע נאַטור און קען זיך אויפרעגען פון קלייניגקיי־טען, און זי כאַפּט זיך אַמאָל אַרויס מיט א וואָרט ניט־באַטראַכטערהייט. נאָר דעמאָלט זיינען די ספקות געקומען און באַלד פאַרשוואונדען. ער האט געהאָפט, אַז ער וועט אויף איר ווירקען. דער נייער לעבען נאָך זייער חתונה וועט איר איבערמאַכען צום גוטען. אַז מען האט ליב, קען מען א סך זאַכען פאַר־קוקען. און אַזוי איז געווען אויך מיט לאַרי'ן.

נאָר די לעצטע פּאַסירונג פון נעכטען ביינאַכט האט אים שטאַרק צורודערט. איר כעס האט, דוכט זיך, קיין שום גרונט ניט געהאַט. איר צערייצטער אויסזעהן ווען זי האט זיך מיט אים געקריגט, און איר געהעכערטע שטימע האט אויף אים געמאַכט א שווערען איינדרוק. ער איז איצט אומרוהיג געוואָרען. „כ'האָב מורא, אַז עס וועט ניט זיין גוט!" האט לאַרי א פאַרצווייפעלטער איצט איבערגעטראַכט.

ווי אַזוי האט ער גאָר געקענט האָפען, אַז זי, עלינאָר, וועט זיך איבעראַנדער־שען; אַז ער וועט קענען אויף איר ווירקען? אַז עס איז אין איר נאַטור צו זיין אַזוי! זי איז מיט אַלע אירע אייגענשאַפטען, די גוטע און די שלעכ־טע, אויסגעוואַקסען אַזוי. זיי זיינען טיף אין איר, פון איר פריהסטער יו־גענט אָן...

(ווייטערס — מאָרגען)

## מיטינג פון טשעכאַנאָווער רעליף קאָמיטעט

דעם זונטאַג, 9טען אַפּריל, וועט אין סאַטאַן האָטעל, 330 איסט 56טע סט., ניו יאָרק, פאָרקומען דער מיטינג פון טשעכאַנאָווער רעליף־קאָמיטעט. די פאַרזאַמלונג וועט אַדרעסירט ווערען פון א ווירטיגען גאַסט פון ישראל. דאָס איז דער טשעכאַנאָווער לאַנדס־מאַן חיים־לייב אַסטראַ, וועלכער איז טעטיג אין טשעכאַנאָווער רעליף אין ישראל.

אַלע טשעכאַנאָווער לאַנדסלייט ווע־רען אויפגעפאָדערט צו קומען צו דעם מיטינג.

## אַדאַ מימן ביי פּיאָנערן פרויען

אדה מייִמון (פישמאַן), מיטגליד פון כנסת און שליחה פון מועצת־הפועלות, וועט זיין דער עהרען־גאַסט פון ניו יאָרקער קאָונסיל פּיאָנערען־פרויען ביי א פסח עונג שבת מאָר־גען, שבת, 2 אַזייגער בייטאָג, אין האָטעל סטאַטלער, 7טע עוועניו און 33טע סטריט, ניו יאָרק.

שושנה אַדלער, פון דער פּיאָנערען פרויען־אָרגאַניזאַציע, וועט רעדען ווע־גען דער הגדה אין ליכט פון דער נייער ישראל־תקופה. די באַוואוסטע זינגע־רין ברכה צפירה וועט אָנטיילנעמען אין פּראָגראַם.

## טרויער רעזאָלוציע פון בראָנקסער אַרב. רינג שול 19

די שול־פאַרוואַלטונג דריקט אויס טיפען צער און מיטגעפיהל צו פריינט ב. טעשער אויפ'ן פאַרלוסט פון זיין שוועסטער.

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פּוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאַרווערטס"

פון ראָוז שושנה

## די איבערראַשונג

שמואל האט ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויערען, ער האט געקוקט אויף דער שעהנער יונגער פרוי, גע־קוקט אויף זיינע וואונדערבאַרע אוי־גען, פון וועלכע עס האָבען זיך געגאָ־סען די טרערען, געקוקט אויף איר מיט אַזוי פיל מיטגעפיל און רחמנות, אָבער ער האט געהערט איר ווייגע־דיגע שטימע, וועלכע האט געזאָגט:

— איך בין זעהר, זעהר אומגליק־ליך. איך גלויב, אַז איהר זענט אויך נישט זעהר גליקליך. איך זעה דעם עלענד דאָ אין צימער. ווען איהר וועט מיר העלפען וועל איך אייך גליקליך מאַכען, איך וועל אייך באַצאָלען פאַר דעם אַלעמען, וואָס איר וועט טאָן פאַר מיר. איר וועט מעהר נישט ווי־סען פון קיין הונגער.

ווען איך וועל געבוירען מיין בעיבי, וועלען מיר שוין געפינען אַן אויסוועג, ווי אַזוי זיך צו גט'ען.

פאַרשטעהט זיך, אַז אַלע וועלען מיינען, אַז מיר זיינען טאַקע אין דער אמת'ען מאַן און ווייב.

א קעלט געהט דורך זיין לייב. וואָס הייסט מען וועט בלויז מיינען. וואָס פאַר א ווערטער הערט ער? „בעיבי", מיינען, גט. וואָס מיינט זי, צי הערט ער שלעכט?

אָבער ער האט גאַנץ דייטליך גע־הערט אירע ווערטער:

— ס'פאַרשטעהט זיך, אַז מיר ווע־לען נאָר זיין מאַן און ווייב אויפ'ן פּאַפּיר. איר וועט דערביי קריגען פון מיר א סומע געלט... און — און...

שמואל האט דערפיהלט, אַז איה ווערט שווער ביים האַרץ, אַזוי ווי צו חלש'ען. דאָס בלוט האט אָנגעהויבען שלאָגען אים אין קאָפּ אַריין, און גע־שריען אין אים:

„דו ביסט אַן אָרימער רעפיודזשי", מען קאָן דיך קויפען, קויפען פאַר א שטיקעל ברויט; מען מעג דיר מאַכען די ערגסטע, געמיינסטע פאָרשלאָגען: ביסטו דען מעהר ווי א רעפיו־דזשי?... אַהן א היינט, אַהן א מאָר־גען. מיט דיר מעג מען אַלץ טאָן, אַלץ! אַלץ!...

— ניין, ניין, ניין! — האט ער זיך געגעבען א ריס פון זיין פּלאַץ און אָנגעהויבען שרייען היסטעריש:

— געהט אַרויס פון מיין שטוב! די מינוט געהט אַרויס, די מינוט! איידער איך פאַרליר דעם קאָנטראָל איבער זיך.

ער האט געשריגען היסטעריש און באַמיהט זיך צו באַהערשען. ווי מיט אייזערנע צוואַנגען האט ער זיך איינ־געהאַלטען נישט אויסצוברעכען אין א יאָמערדיג געוויין.

— וואָס האט איהר צו מיר? פאַר־וואָס שפּילט איהר זיך מיט מיין עלענד? און אַז איהר זענט שוין א רייכע טאָכטער און אַז איך בין שוין אַן אָרימער, אומגליקליכער רעפיודזשי, מעגט איהר שוין צאַפּען מיין בלוט ווי וואַסער? אַזוי האַנדעלט איהר מיט מענשען? קויפט און פאַרקויפט אַזוי ווי מיר וואָלטען געווען בהמות. קויפען מיך פאַר א ביסען ברויט, פאַר א דאַך איבער מיין עלענדען קאָפּ. ניין, ניין! איך ווייס שוין וואָס עס איז עלענד, איך ווייס שוין וואָס עס איז הונגער, איך ווייס שוין וואָס עס איז היימלאָ־זיגקייט, איך האָב שוין אַלץ מיטגע־מאַכט. מיך קאָן מען נישט קויפען. געהט אייך פון דאַנען וואָס גיכער, געהט! געהט! געהט! — האט ער אַלץ העכער און היסטערישער געשריען אַזוי, אַז דאַינע, וועלכע האט זיך דער־שראָקען פאַר דעם אויסברוך פון כעס, האט זיך הינטערוויילעכץ אָנגעהויבען אַרויסרוקען פון טיר.

ווען שמואל האט דערהערט דעם קלאַפּ פון דער טיר, דערפיהלט, אַז ער איז אַליין אין צימער, איז ער געפאַ־לען אויף זיין קאָוטש און זיך שרעק־ליך צעוויינט.

— צו וואָס איך בין דערגאַנגען? צו וואָס? קיינמאָל זאָל קיין נאַצי נישט געפינען קיין רוה, אפילו א'ן קבר נישט, דערפאַר וואָס זיי האָבען געמאַכט פון אונז, צו וואָס זיי האָבען אונז דערפיהרט.

ווי לאַנג ער איז געלעגען אויף דער קאָוטש און געוויינט און אַריינגע־טראַכט וועגען זיין ביטערען גורל האט ער אַליין נישט געוואוסט. ווען עס איז געוואָרען גאָר פינסטער אין צימערל האט ער דערזעהן, אַז עס א'ז שוין נאַכט. דער הונגער האט איהם דערמאַנט, אַז ער האט נאָך היינט ניט געגעסען. די איבערגעלעבטע באַליידי־גונג האט אויך געגאַגט אין האַרצען און ער האט זיך פויל אויפגעהויבען, אָפּגעוואַשען דאָס פאַרוויינטע פּנים, איבערגעצעהלט וויפיל סענט ער האט אין זיין פאַרמעגען, צי עס וועט זיין גענוג אויף ברויט, ווייל ער מוז דאָך נאָך וואַרטען איניגע טעג אויף דעם טשעק פון די „ניו אַמעריקענס".

איבערציינגענדיג זיך, אַז ער האט נאָך א גאַנצען האַלבען דאָלאַר אין זיין פאַרמעגען, האט ער זיך געלאָזט צו דער טיר, כדי צו געהן אין גראָסערי.

ביי דער טיר אויף דער ערד איז געלעגען דאָס צעטעל פון רענט, וואָס עס איז איהם אַרויסגעפאַלען פון האַנט, ווען דאַינע לעסקי איז אַריין אין צי־מער. ער האט עס אויפגעהויבען, אוועקגעלעגט עס צוריק אויפ'ן טיש, א זיפץ געטאָן און איז אַרויס פון צי־מערל.

דער פרישער אָוונט־ווינטעל האט איהם באַרוהיגט, געגלעט זיין צעגל־טען שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט איהם געטרייסט.

ער האט געזעהן לויפען אינגלעך אויף רעדלעך, אידישע אינגלעך, אַזעל־כע זאָרגלאָזע, מונטערע, שפּילען זיך אין באַל, פאַרנעמען די גאַנצע גאַס, אַזוי ווי בלויז פאַר זיי איז די וועלט באַשאַפען. און ער האט זיך געפרעהט און געדאַנקט גאָט, וואָס אַט די קליינע אידעלעך ווייסען נישט דאָס, וואָס ער; וואָס זיי, די אומשולדיגע קינדערלעך, פיהלען זיך אַזוי פריי.

ער האט זיך דערמאָנט אָן זיינע אומגעקומענע שוועסטערלעך און ברי־דערלעך און א זיפץ האט זיך ווידער אַרויסגעריסען פון זיין ברוסט.

ער איז געבליבען אַביסעל שטעהן אויף דער גאַס, געקוקט אויף די לאַ־בענדיגע פאַרבייגעהער, אויף די צוגע־טוליעטע פּאָרלעך און ער האט זיך געטראַכט: ווי גוט עס איז, אַז מען איז נישט איינזאַם, ווי גוט עס איז, אַז מען האט א פריינט. ער איז זיי מקנא געווען, די אַמעריקאַנער יוגענט. גאָט זיי דאַנק וואָס זיי האָבען דאָס נישט מיטגעמאַכט וואָס מיר.

ער האט מיט געוואַלד געוואָלט פאַריאָגען דעם קאָשמאַר מיט געדאַנ־קען וועגען דער היינטיגער געשעהע־ניש.

ער איז אַריין אין גראָסערי, גע־קויפט דאָס שטיקעל ברויט מיט א קאָנטעינער מילך און צוריקגעהענדיג האט ער דערזעהן א קאָנווערט אין זיין בריוו־קעסטעל. ער האט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז צוליב דער היינ־טיגער אויפרעגונג האט ער גאָר פאַר־געסען נאָכצוקוקען צי עס איז דאָ בריוו פאַר איהם.

ער האט אַרויסגענומען א בריוו. דער לאַנגער, ווייסער קאָנווערט איז געווען פון „האיאַס".

ער האט גיך געעפענט דעם בריוו און, ווי איבערראַשט איז ער געוואָרען, ווען ער האט אין בריוו געלייענט, אַז מען בעט איהם זאָפאָרט קומען אין האיאַס. עס זיינען פאַראַן פאַר איהם גרוסען פון לעבען־געבליבענע קרובים פון אייראָפּע. אויפנאַמס־שעה'ן ביז 6 פאַרנאַכט.

ער האט געוואָלט פליהען אין אָפיס פון האיאַס, אָבער ער האט דאָך גע־וואוסט, אַז עס איז שוין איצט שפּעט אין אָוונט.

יעדענפאַלס האט ער צוליב דעם פאַרגעסען אַלץ וואָס עס האט מיט איהם היינט פּאַסירט. ער האט נאָר געטראַכט וועגען דעם, אַז ער איז דאָס דער גליקליכער וואָס האט זיך געראַטעוועט פון זיין משפחה.

א גאַנצע נאַכט האט ער נישט גע־קאָנט קיין אויג צומאַכען, א גאַנצע נאַכט האט ער געוואַרט מיט אומגע־דולד אויף דער שעה ער זאָל שוין קאָ־נען לויפען געוואויר ווערען ווער עס איז דער געראַטעוועטער. ער האט אין געדאַנק איבערגעלעבט די אַלע אויס־ראַטונגען און נישט געזעהן קיינעם ווער עס האט זיך געראַטעוועט פון זיי־נע נאָהענטע.

ער האט געוואוסט, אַז אַלע זיינע נאָהענטע, פאָטער, מוטער, שוועסטער און ברידער זיינען אומגעקומען, אפילו קיין פעטער אָדער מומע איז איהם נישט געבליבען לעבען.

דער אָרימער האט גאָרנישט גע־וואוסט וואָס פאַר א גרויס גליק איהם דערוואַרט. אויף אַזאַ גוטער בשורה האט ער זיך נישט געריכט.





# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס" — פון ראָזע שושנה

(פאָרטזעצונג)

## אין א צייט ווען עס געשעהן ניסים

ווי איבערראַשט איז שמואל געוואָרען, אַז קומענדיג אין האַיאַס האָט מען איהם דערלאַנגט א נאַכריכט, אַז זיינער א חבר פון לאַגער טיילט איהם מיט, אַז ער האָט צופעליג געפונען שמואל'ס מוטער, אַז זי לעבט און איז געזונט.

ד' נאַכריכט איז פאַר איהם געווען אַזאַ פּלוצלינגדיגע, אַז מען האָט איהם געמוזט אָפּכינטערען פון חלשות, אין וועלכען ער איז אַריינגעפאַלען. ער האָט נישט געגלויבט די ידיעה, ער האָט געלייענט די ווערטער נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל.

„דיין מאַמע לעבט. איך האָב זי אַליין געזעהן. זעה זי וואָס גיכער אַרויסצוראַטעווען. די, וועלכע האָבען קינדער אין אַמעריקע, האָבען פּאַרצוג. זיי גיט דער קאָנסול גלייך די ווייזע אָהן שוועריגקייטען."

שמואל לייענט די ווערטער און טרערען גיסען זיך פון זיינע אויגען. ער קושט דאָס שטיקעל פּאַפּיר, וועלכעס האָט געבראַכט די גוטע בשורה; ער וויינט און לאַכט. ווי אַזוי איז עס געשעהן דער נס? ווי אַזוי איז זיין מוטער געבליבען לעבען? ער האָט דאָך אַליין געזעהן ווי מען האָט זי אַרויסגעריסען פון זיין אומאַרמונג און געשיקט זי צום קאַלד־אויווען, ווי אַזוי איז מעגליך אַזאַ נס?

— מיין מאַמע לעבט! מיין מאַמע לעבט! מענשען פרעהט זיך מיט מיר צוזאַמען. — האָט ער געלאַכט און גע־וויינט.

אַלע אין האַיאַס האָבען געווישט די אויגען. אַלע האָבען זיך געפרעהט מיט זיין פרייד און אַלע האָבען איהם גע־געבען עצות ווי אַזוי וואָס גיכער אַהער צו ברענגען זיין מאַמע.

ער איז געוואויר געוואָרען, אַז עס איז נאָר דאָ איין וועג. ער מוז קאָנען אויפווייזען אין קאָנסולאַט, אַז ער וועט זיין אימשטאַנד אויסצוהאַלטען א נאָהענטען מענשען, וואָס זאָל זאָגען, אַז ער נעמט אויף זיך אַלע אויסגאַבען און אַלע פאַראַנטוואָרטליכקייטען פאַר אַריבערברענגען זיין מוטער. דער מענש מוז האָבען א פאַרמעגען, די באַנק מוז פאַר איהם גאַראַנטירען.

שמואל'ן איז געוואָרען פינסטער פאַר די אויגען. וואו נעמט מען אַזאַ גאַראַנטי? ווי אַזוי ברענגט מען זיין ליבע מאַמען?

ער האָט שוין באַקומען אַרבייט ביי מאַכען פּאַפּירענע שאַכטעלעך. ער האָט שוין איצט פאַרדינט א פּאָר דאָלער. ער האָט ענדליך באַצאָלט דאָס דירה־געלט. אָבער דאָס איז אַלץ נישט קיין מיטעל ווי אַזוי צו ברענגען זיין מאַמען קיין אַמעריקע.

עס דאַרט אים דער קאָפּ. ער קאָן נישט שלאָפען, ער קאָן נישט עסען, ער הונגערט און שיקט דער מאַמען טעלעגראַמעס, אַז שוין, שוין וועט ער זי ברענגען, און עס הויבט זיך נישט אָן און עס לאָזט זיך נישט אויס. ער האָט נישט קיינעם וואָס זאָל גאַראַנ־טירען פאַר אים.

ער איז שרעקליך איינזאַם, שרעקליך דערשלאָגען. דאָרט, אויף יענער זייט ים, אין פינסטערען, קאַלטען לאַגער, ליגט זיין מאַמע און ער קאָן איר נישט העלפען.

זיין מאַמע, וועלכע האָט אַזוי פיל מיטגעמאַכט, וועלכע האָט געהאַט א גרויסע פאַרצווייגטע משפּחה און האָט אַלעמען פאַרלוירען. אירע קינדערלעך, איר מאַן, אירע עלטערן, אירע שוועס־טער און ברידער! ער ווייסט, אַז ער איז איצט איר ליכט, איר ציל, אָבער ער קאָן איר נישט העלפען.

ער איז נאָר־וואָס אַהיימגעקומען פון דער אַרבייט, גענומען דאָס ענגלישע ביכעל אין האַנט אַריין. ער לערענט דאָך ענגליש. ווען ער וועט קאָנען די שפּראַך, וועט ער זיך גיכער צו עפּעס דערשלאָגען.

באַלד דאַרף ער געהן אין נאַכט־סקול. אָבער דאָס לערנען קריכט נישט אין קאָפּ אַריין. די מאַמע שטעהט פאַר די אויגען מיט אַן אומעטיג, אויסגע־צויגען, דאַר פּנים און שטרעקט אויס די דאַרע הענט און בעט זיך ביי אים:

„זוהן מיינער, איך האָב דאָך קיינעם נישט אויף דער וועלט א חוץ דיר. לאָז מיך דאָ נישט אויסגעהן!"

טרערען גיסען זיך פון זיינע אויגען. דאָס בוך פאַלט אַרויס פון זיינע הענט.

ער זיצט האַלטענדיג אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף די הענט. דער קאָפּ איז איצט געוואָרען עפּעס אַזוי שווער, ער וועגט אַזוי פיל.

דורך דעם שמוציגען קליינעם פענס־טערל הערט זיך דער טומעל פון גאַס. דאָס טראָמפּייטען פון די פייער־לייט, וואָס לויפען כסדר איבער דער גאַס ווי מחבלים, דאָס פייפען פון די פּאָליציי קאַרס, דאָס וויינען פון אַמ־בולאַנס סירענעס, דאָס הויז טרייסעלט זיך אַזש פון די שווערע טראַקס וואָס לויפען פאַרביי יעדע סעקונדע.

ער הערט אויך פרעהליכער געלעכ־טער. ער הערט אויספייפען א גאַסען־לידעל. אים וואָלט זיך וועלען אויס־מישען מיט דער זאָרגלאָזיגקייט.

זיי האָבען נישט קיין מאַמעס אין לאַגער, טראַכט ער באַלד. זייערע מאַמעס צערטלען זיי און צווינגען זיי צו עסען. זיי מעגען זיך פרעהען. זיי מעגען לאַכען. אָבער איך? ווייסען דען די אַלע דעם באַדייט פון דעם וואָרט מאַמע? ער ווערט מיד, ער לעגט זיך שלאָפען. ער שלאָפט איין מיט'ן געדאַנק, אַז ער מוז פרי אויפ־שטעהן. ער ווערט וואַכעדיג. ער ווייסט, אַז עס איז שוין צייט אויפ־צושטעהן. ער ווייסט, אַז ער וועט שוין נישט שלאָפען, ווייל ער מוז דאָך אויפשטעהן. אָבער נאָך א פּאָר מינוט זיך אויסרענגלען, נאָך א פּאָר מינוט.

ער ווייסט, אַז דער טאָג וועט זיין אַזאַ אומעטיגער ווי דער נעכטיגער. די אַרבייט וועלכע ער האָסט!

ווי גערן ער וואָלט געאַרבייט, ווען ער וואָלט געאַרבייט ביי זיין פאַך! ווי ליב איז אים די אַרבייט געווען לערנענדיג זיך!

אָבער איצט...

ער ליגט נאָך א מינוט. ער באַ־מערקט נישט, אַז די מינוטען לויפען. ער כאַפּט זיך גיך אויף. עס איז שפּעט. מען מוז דאָך לויפען צו דער אַרבייט.

ער לויפט אַרויס. דעם קאַפּעלויש אין א זייט. דעם מאַנטעל טוט ער אַן אויף די טרעפּ. מען מוז לויפען צו דער סאַבוועי, מען מוז לויפען צו דער אַרבייט. אָבער וואָלט ער כאָטש קאָ־נען ברענגען זיין מאַמען, וואָלט אים די אַרבייט געווען ליב. דעמאָלט וואָלט ער געהאַט אַן אינהאַלט.

די טעג געהען. ער געפינט נישט קיין אויסוועג. ער געפינט נישט קיי־נעם, וואָס זאָל וועלען ברענגען זיין מאַמען.

דורך זיין געדאַנק לויפט דורך די מיס דאַינע לעסקי, די וועלכע האָט אים געמאַכט אַזאַ שענדליכען פאַר־שלאַג. ער האָט זי נעכטען געזעהן. זי זעהט אויס שרעקליך בלאַס און איינ־געדאַרט. א רחמנות איז אים באַ־פאַלען.

זאָל ער זיך פאַרקויפען צוליב זיין מאַמען?

זי. יאָ, זי קאָן ראַטעווען זיין מאַמען.

יאָ, פאַר דעם פּרייז איז ער גרייט זיך צו פאַרקויפען, פאַר'ן פּרייז צו ראַטעווען זיין מאַמען. וואָלט דען זיין מאַמע ניט געטאָן אַלץ כדי אים צו ראַ־טעווען?

אָבער זי קומט נישט מעהר. זינט דעמאָלט, ווען ער האָט זי אַרויסגע־טריבען פון זיין צימערל, האָט זי מעהר נישט גערעדט מיט אים.

אמת, ער האָט נישט געוואָלט הע־רען דערפון. ער האָט זיך זאָגאַר גע־פיהלט זעהר באַליידיגט פון דעם אוּנ־אַנשטענדיגען פאַרשלאַג. אָבער איצט זעהט ער נישט פאַר זיך קיין שום אויסוועג. ער מוז דאָך ראַטעווען זיין מאַמען!

זעהענדיג אויפ'ן טישעל דעם בריף פון האַיאַס, פיהלענדיג ווי דער קאָפּ שווינדעלט פון נישט דערעסען, קוקענ־דיג אויף די צוריסענע שיך און זעהענ־דיג דורך דעם קליינעם פענסטערל דעם הערבסט־רעגען אין דרויסען, וואָס פאַלט אַזוי מאָנאָטאָן און וואָס ער־לויבט אים נישט אַפילו אַרויסצוגעהן אויפ'ן גאַס צו דער ביבליאָטעק וועקס־לען א בוך, איז ווידער אויסגעוואַקסען דאַינע לעסקי'ס פּנים פאַר זיינע אויגען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַלעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

אפשר נאַרט ער זיך גאָר אָפּ? אים האָט זיך פריהער געדאַכט אַז זי, עלי־נאָר, איז די ריכטיגע מיידעל פאַר אים. זי וועט זיך אַריינפּאַסען אין זיינע פּלענער פאַר דער צוקונפט. איצט האָ־בען גרויסע ספקות אים אַרומגענומען. אפשר איז דאָס גאַרניט אַזוי? איצט, ווען ער איז אַליין מיט זיך און דער קאָפּ איז אים קלאָר, האָט ער גע־פּרואווט דאָס אַלץ איבערטראַכטען און איבערוועגען: אירע שטימונגען, דער איבערגאַנג פון שטילקייט צו שטורם איז אייגענטליך פרעמד צו זיין נאַטור. דאָס מאַכט אים אומרוהיג. ער פיהלט ווי מען וואָלט אים געצווינגען צוריק פון זיין איינגעשטעלטען גאַנג אין לעבען.

אין יענע טעג האָט לאַרי שטאַרק געליטען. זיינע געדאַנקען זיינען גע־ווען פאַרנומען נאָר מיט דעם. פון קיין שום אַנדער זאַך האָט ער ניט געקענט טראַכטען. דאָס האָט אים אַפילו געשטערט צו זיין אַרבייט אין שפּיטאָל מיט די פּאַציענטען, וואָס אַזוינס האָט מיט אים צום ערשטען מאָל פּאַסירט, ווייל ער איז געווען א פאַראַנטוואָרטליכער מענש און איבער־געגעבען צו זיין אַרבייט מיט ערנסטקייט און מיט פּינקטליכקייט.

צום ערשטען מאָל אין זיין יונגען לעבען האָט לאַרי געליטען פון ניט קענען אָננעמען א באַשלוס און פון אַרומטראָגען זיך מיט ספקות. אַריינ־טראַכטענדיג זיך טיף אין דעם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז זיינע ספקות האָבען זיך שוין אָנגעהויבען נאָך אויף דעם אָוונט פון עלינאָר'ס וויזיט ביי אים אין דערהיים. לאַרי האָט דעמאָלט אָפּגערופען אַן א זייט זיין עלטערען ברודער מאַקס, דעם דראַגיסט, און גע־האַט מיט אים א קורצען געשפּרעך וועגען עלינאָר'ן.

— מאַקס, איך וויל הערען פון דיר א מיינונג וועגען עלינאָר'ן. וואָס פאַר אַן איינדרוק האָט זי אויף דיר גע־מאַכט? נאָר דעם אמת.

מאַקס האָט אים געזאָגט, אַז עלינאָר איז אים געפעלען געוואָרען. נאָר זיין טאָן איז געווען איינגעהאַלטען ווען ער האָט זיך אָפּגערופען צו זיין ברודער:

— דו ווייסט וואָס דו טוסט, לאַרי, און ביי אונז דאַרפסטו קיין מיינונג ניט פרעגען.

נאָך שווערער איז אים געווען, לאַ־רי'ן, צו דערוויסען זיך זיין מאַמע'ס געפיהל צו עלינאָר'ן. די מאַמע האָט איר דערקענט דעמאָלט נאָר אויפ'ן אויסזעהן און האָט נאָר צייט געהאַט אַרויסצורעדען מיט איר א פּאָר ווער־טער. אָבער לאַרי האָט געהאַלטען, אַז זיין מאַמע פאַרשטעהט זיך אויף מענ־שען און איר חוש האָט איר קיינמאָל ניט אָפּגענאַרט. נאָר אַז לאַרי איז אין יענעם אָוונט אַריין אויף א ווייל צו איר אין קיך, געוואָלט וויסען וואָס זי פיהלט וועגען עלינאָר'ן, האָט די מאַמע ניט געקענט, אָדער אפשר ניט געוואָלט, אַרויסזאָגען קיין באַשטימ־טען וואָרט.

— זי זעהט זיך אויס א פיין קינד, דיין מיידעל עלינאָר. א שטילע און אַן איידעלע אויפ'ן ערשטען קוק. נאָר פאַרלאָז זיך ניט אויף מיר, לאַרי, — האָט זי אָנגעקוקט איר זוהן מיט אירע קלוגע אויגען — וואָס ווייס איך? היינטיגע מיידלעך איז שווער צו פאַר־שטעהן.

לאַרי האָט דעמאָלט אָנגענומען א באַשלוס פון אויספּרואווען זיך אַליין. אויב ער קען אָנגעהן א געוויסע צייט און ניט זעהן עלינאָר'ן. אין אָנהויב איז אַט־דער געדאַנק אַליין אים אויס־געקומען ווילד. ער האָט דאָך איר אַזוי ליב געהאַט. זיין האַרץ איז אויסגע־גאַנגען פון בענקשאַפט נאָך איר, צו האַלטען איר אין זיינע אָרעמס, צו פיהלען דעם ציטער פון אירע בויגינג גלידער, אַריינקוקען אין אירע אויגען, פאַרשאָטענטע מיט די טונקעלע ברע־מען. עס האָט אים געקאָסט איבער־מענשליכע כוחות זיך אָפּצוהאַלטען פון זעהן איר. נאָר זיין באַשלוס איז גע־ווען פעסט.

עס מוז אַוועק א געוויסע צייט און זיי זאָלען זיך ניט זעהן, ביז עס וועט פאַר אים אַליין קלאָר ווערען ווי צו האַנדלען. עס וועלען זיך איינשטילען די פאַרדרוסען ביי זיי ביידען. עלינאָר וועט אויך האָבען צייט איבערצוטראַכ־טען אַלץ. און דעמאָלט וועלען זיי ביי־דע האָבען א לאַנגען געשפּרעך. עהר־ליך און אָפענהערציג וועט יעדערער פון זיי אַרויסזאָגען וואָס זיי פיהלען איינע צו די אַנדערע, אַז עס זאָלען שפּעטער קיין מיספאַרשטענדענישען מעהר ניט זיין.

אַזוי איז אַוועק א טאָג נאָך א טאָג. ער איז ניט געגאַנגען איר זעהן און עלינאָר האָט אים אויך ניט אָפּגערופען אין טעלעפאָן. לאַרי האָט געפיהלט ווי ער טוט שלעכט. עס איז גאָר ניט געווען זיין געוואוינהייט אַזוי צו האַנדלען ניט מענשליך. נאָר עס איז געווען נויטיג פאַר אים, פאַר זיי ביי־דען, דורכצוגעהן די ליידען. אַזוי האָט ער געזאָגט צו זיך. ווען אימיצער וואָס קען לאַרי'ן וואָלט דעמאָלט גע־האַט א צוטריט צו זיינע געפיהלען און געדאַנקען, וואָלט ער זיך געוואונדערט. צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען איז ער געווען אַזוי אומבאַשלאָסען. ער האָט זיך אַזוי ווי געוואַקעלט צווישען יאָ און ניין. ער, דער שטענדיג זיכע־רער מיט זיך אין אַלץ וואָס ער האָט נאָר אונטערגענומען צו טאָן.

דערווייל האָט זיך אין זיין געדאַנק שוין אָנגעהויבען פאַרמירען א באַשלוס וואָס־ווייטער אַלץ קלאָרער, א באַשלוס וואָס האָט געדאַרפט האָבען א ווירקונג אויף דעם גאַנג פון זיין גאַנצען ווייי־טערדיגען לעבען.

### קאַפּיטעל פינף און צוואַנציג

וואָס איז עס געוואָרען מיט לאַ־רי'ן? עס איז ניט דער זעלבער לאָ־רענס פינקעל. דער געזעצטער, דער באַרעכענטער, דער וואָס ווייסט יעדעס מאָל דעם ריכטיגען וועג וואָס צו טאָן און ווי זיך צו פירען, אַז עס זאָל זיין גוט.

אַט דער לאַרי האָט עפּעס מיטאַמאָל פאַרלוירען זיין גלייכגעוויכט און עס איז אים זעהר שלעכט. מען זאָגט ווע־גען א זעהר געזונטען און שטאַרקען מענשען, אַז ווען ער ווערט קראַנק איז אים שווערער געזונט צו ווערען, ווי א שוואַכערען מענשען. לאַרי קען נאָך אַלץ ניט קומען צו זיך. אַט דוכט זיך אים, אַז ער האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט באַשלאָסען צו זיין מיט עלינאָר'ן א שטיק צייט פון דערווייטען, ביז ער וועט קענען אָננעמען א באַשלוס וועגען זיי ביידען; און אין א ווייל אַרום זעהט ער שוין, אַז ער האָט געטאָן שלעכט און ער דערפיהלט א שאַרפען ווערטאָג אין האַרצען און א געפיהל פון חרטה:

„וואָס האָט ער דאָ אויפגעטאָן?" — און ער איז דעמאָלט פאַרצווייפעלט.

אין די שעה'ען וואָס ער איז אַריינ־געטאָן אין זיין אַרבייט אין שפּיטאָל מיט די פּאַציענטען איז אים דעמאָלט אַביסעל גרינגער. אָבער ווי נאָר ער געפינט זיך אַליין מיט זיך, לעבט ער דורך שווערע מינוטען. עלינאָר'ס געשטאַלט איז אים כסדר פאַר די אויי־גען. זי מאָנט פון אים חשבון. זי באַשולדיגט אים.

ער האָט איר נאָך אַלץ אַזוי ליב. זיין פאַרלאַנג צו זעהן איר איז אין אים שטאַרק, צו זיין לעבען איר, אַריינקוקען איר אין די אויגען, צו האַלטען איר אין זיינע אָרעמס און קושען איר. א שטראָם פון פאַרלאַנגען נעמט אים דורך, צוטרייסלען אים אין גאַנצען, אַזש ער געפינט קיין אָרט ניט פאַר זיך.

עס איז די צייט ווען ער איז פריי פון זיין אַרבייט. ער זיצט ביי זיך אין צימער. זיינע אויגען וואַנדערען אַרום. ער דערזעהט דעם טעלעפאָן אויף א קליין טישעל לעבען זיין בעט. א שטאַרקער פאַרלאַנג איר אָפּצורופען נעמט אים אַרום. כאָטש נאָך איין מאָל רעדען מיט עלינאָר'ן, הערען איר שטימע. אַט האַלט ער שוין די טריי־בעל אין האַנט. אים דוכט זיך אין דער מינוט, ווי ער זעהט איר זיצען צענויפגעדרעהט אויף דעם סאָפקעלע פּאַראָמיערט. זי וואַרט אויף זיין רוף. זי בענקט אויך נאָך אים. ער ווייסט, אַז זי ליידט.

(ווייטערס — מאָרגען)



# ער דערצעהלט די לעבענס־געשיכטע פון זיין באַרימטען פאָטער מאַקס סטויער

(שלום פון פעדוש 3)

גרינדעט די ניו יאָרק לאָא סקול, מיט־נעמענדיג אַן ערך העלפט פון די סטו־דענטען. מאַקס ד. סטויער איז פאַר־בליבען אין קאָלאָמביאַ לאָא סקול: די נייע סיסטעם האָט אַפּעלירט צו אים. פּראַקטישקייט האָט ביי אים שטענדיג געשפּילט א וויכטיגערע ראָלע ווי טעאָ־ריע. היינט־צו־טאָג, אויב איך מאַך קיין טעות ניט, ווערט „קעיס מעטהאָד" געלערענט אין אַלע אַמעריקאַנער לאָא סקולס. אייראָפּעאישע אַדוואָקאַטען און יוריסטען באַקלאָגען זיך טאַקע, אַז אַמעריקאַנער לאָיערס זיינען ניט באַ־האַוונט אין יוריספּרודענץ — מחמת זייער שנאה צו „טעאָריע". צי די טענה פון די אייראָפּעער איז א באַרעכטיגטע, ווייס איך ניט. אויב צווישען מיינע לייענער געפינען זיך געוועזענע אייראָ־פּעאישע אַדוואָקאַטען, וואָס זיינען גלייכצייטיג באַהאַוונט אין אַמעריקאַ־נער לאָא, וואָלט געווען העכסט אינ־טערעסאַנט צו הערען זייערע מיינונגען. דאָס איז אָבער אַן ענין פאַר זיך. מיט דער „מאַקס ד. סטויער געשיכטע" האָט עס ווינציג וואָס שייכות.

די טעאָרעטישע זייט פון יוריספּרו־דענץ האָט מאַקס ד. סטויער'ן קיינמאָל ניט אינטערעסירט, קיינמאָל ניט גע־קימערט. די פראַגע: וואָס דאַרף דאָס געזעץ זיין? האָט פאַר איהם קיין באַ־דייטונג ניט געהאַט. פאַר אים האָט בלויז געהאַט באַדייטונג די פראַגע: „וואָס א י ז דאָס געזעץ?" ער האָט אָנגענומען די עקזיסטירענדע גע־זעצען ווי זיי שטעהען און געהען, פּונקט ווי ער האָט אָנגענומען מענשען ווי זיי שטעהען און געהען. „אַט דאָס איז די עקזיסטירענדע לאַגע—לאָמיר דערזעהן ווי מיר קענען זיך צו־פּאַסען צו דער עקזיסטירענדער לאַגע". ער איז ניט געווען קיין איניציאַטאָר, קיין רעפאָרמער. ווען ענדערונגען אין'ם געזעץ זיינען געמאַכט געוואָרען, ווען רעפאָרמען זיינען דורכגעפירט געוואָ־רען, האָט מאַקס ד. סטויער ניט פאַר־גאָסען קיין טרערען אויף דאָס פאַר־גאַנגענע, אויף דאָס פאַרשוואונדענע. ער האָט קיינמאָל ניט באַהויפּטעט, אַז דאָס אַמאָליגע — צי אין פראַגען פון געזעץ, צי אין אַנדערע פראַגען — איז בעסער ווי דאָס געגענוואַרטיגע. דאָס אַמאָליגע איז געווען גילטיג פאַר אַמאָל און דאָס איצטיגע איז גילטיג פאַר איצט. מאַקס ד. סטויער האָט זיך איי־מער צוגעפּאַסט — גאַנץ שנעל צוגע־פּאַסט — צו געענדערטע אומשטענדען און באַדינגונגען.

מאַקס ד. סטויער האָט געענדיגט קאָלאָמביאַ לאָא סקול מיט אויסצייכ־נונג. ער האָט געקראָגען א פּרייז — א סומע געלט. דאָס געלט איז אים אין יענער צייט מעהר צוניץ געקומען ווי די כיבודים וואָס מ'האָט אים צוגע־טיילט. די פינאַנציעלע לאַגע פון דער סטויער פאַמיליע איז דעמאָלט געווען אַזאַ, אַז מזומן־געלט, ווי קליין די סומע זאָל ניט זיין, איז געווען מעהר אָנגעלעגט ווי מעדאַלען און דיפּלאָמאַס.

נאָך גראַדועישאַן האָט מאַקס ד. סטויער פּרובירט קריגען א „קלוירק־שיפּ" אין אַן עטאַבלירטען לאָא אָפיס. קיין שטעלע האָט ער אָבער ניט גע־קענט קריגען. געווען איז עס אין יאָר 1893. היינטיגע לאָא סקול גראַדועיטס קריגען אַלע „קלוירקשיפּס", באַזונ־דערס ווען איינער ענדיגט לאָא סקול מיט אויסצייכנונג. די פּראָמינענטע יונגעלייט. דער וואָס ענדיגט קאָלאָמ־ביאַ לאָא סקול, אָדער אירגענד וועלכע סקול, מיט א מעדאַל, קריגט צען אָנ־באָטען פון א שטעלע. אין מאַקס ד. סטויער'ס פאַל האָט ער איינגעלעגט וועלטען אַריינצוטרעטען אין דער דע־מאָלטדיגער ערפאָלגרייכער לאָא פיר־מע: „נעידעל, דזשאָנס ענד מאָולטאָן" — אַלץ וואָס ער האָט פאַרלאַנגט איז געווען זעקס דאָלער א וואָך. ער האָט די שטעלע ניט באַקומען. האָט ער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און געעפענט אַן אייגענעם לאָא אָפיס.

ניט ער האָט געהאַט געלט, ניט ער האָט געהאַט וואָס מ'רופט אין אַמע־ריקע „בעקגראַונד" — יחסנות, רייכע אָדער פּראָמינענטע קרובים.

אַראָן סטויער ווייסט ניט — אַזוי שרייבט ער אין זיין בוך — ווי ס'האָט געהייסען מאַקס ד. סטויער'ס ערשטער קליענט. אָבער ס'מאַכט ניט אויס. לעגט ער גלייך צו. וואָרים מאַקס ד. סטויער'ס ערשטע הונדערט קליענטען — אָדער ערשטע צוויי הונדערט — זיינען צום יונגען לאָיער געקומען מיט איין־און־דערזעלביגער סאָרט קעיס: איינצומאַנען א שלעכטען חוב.

איינצומאַנען א ש ל ע כ ט ע ן חוב — וואָרים איינמאַנען א גוטען חוב, ברויכט מען דאָך ניט קיין לאָיער. ווען מ'דאַרף אָבער איינמאַנען א שלעכטען חוב העלפט אָפטמאָל קיין לאָיער אויך ניט.

מאַקס ד. סטויער'ס ערשטער קליענט — זיין ווירדיגער נאָמען איז אין די אַרכיוון, ליידער, ניט פאַרצייכענט געוואָרען — האָט געזוכט איינצומאַנען א סומע פון דריטהאַלבען טויזענט דאָ־לער. דער יונגער לאָיער האָט „אָנגעגע־בען אין קאָורט", צו באַנוצען א היגען אויסדרוק, און געוואונען די קעיס: די פולע סומע, צוזאַמען מיט פּראָצענטען, ווי אויך „קאָורטס קאָסטס", וואָס דאָס מיינט, הוצאות אין פאַרבינדונג מיט'ן פּראָצעס. דער יונגער לאָיער האָט דאַן אַריינגעשיקט א ביל צום קליענט: פינף און צוואַנציג דאָלער. דער קליענט האָט אים גלייך באַצאָלט — צען־מאָל פינף און צוואַנציג דאָלער. יענעם טאָג האָט מאַקס ד. סטויער באַשלאָסען קיינמאָל מער ניט צו מאַכען אַזאַ טעות: פון יענעם טאָג אָן האָט ער שוין געוואוסט וויפיל צו „טשאַרדזשען" א קליענט.

מיט דער צייט זיינען געשאַפען געוואָ־רען גאַנצע לעגענדעס וועגען מאַקס ד. סטויער'ס „טשאַרדזשעניש". דער פאַר־שפּרייטסטער וויץ איז געווען, אַז אין א געוויסען טאָג האָט א באַ־וואוסטער מאַנופעקטשורער באַגעגענט מאַקס ד. סטויער'ן אין גאַס. זיי האָ־בען זיך געגריסט, „האַו דו יו פיל טו־דעי, מיסטער סטויער?" — האָט דער מאַנופעקטשורער געפרעגט ביים לאָיער. „טהענקס! אי פיל פאַין!" — איז גע־ווען מאַקס ד. סטויער'ס ענטפער. דעם נעקסטען פרימאָרגען האָט דער באַ־טרעפענדער מאַנופעקטשורער געקראָ־גען א ביל פון דעם לאָיער פאַר טויי־זענט דאָלער: „פאַר ליגאַל סוירוויסעס". דאָס הייסט, פאַר ע נ ט פ ע ר ע ן דעם מאַנופעקטשורער'ס פראַגע, האָט זיך מאַקס ד. סטויער געהייסען באַצאָ־לען א טויזענטער. ס'איז א וויץ, נאַ־טירליך. ס'איז אָבער א וויץ וואָס כאַ־ראַקטעריזירט דעם באַרימטען לאָיער: ער האָט געקענט די תורה פון „טשאַר־דזשען". און דאָס האָט ער אַלץ געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין ערשטען קליענט, אין יאָר 1893, וועלכער האָט אים פריי־וויליגערהייד באַצאָלט צען מאָל מער וויפיל ער, מאַקס ד. סטויער האָט גע־וואָגט צו פאָדערען.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און מאַקס ד. סטויער האָט באַקומען א שם צווישען ביזנעסלייט וואָס האָבען גע־האַט שלעכטע חובות. אין א גאַנץ קור־צער צייט האָט ער זיך ערוואָרבען א סך אַזעלכע קליענטען. די מערסטע פון זיינע קעיסעס פלעגען אויפגענומען ווערען אין סיטי קאָורט. סעמיועל אונ־טערמייער פלעגט דעמאָלט אויך הויפּט־זעכליך פּראַקטיצירען אין דאָזיגען גע־ריכט. איין צד האָט געהאַלטען אַז סע־מיועל אונטערמייער פאַרדינט דעם אונ־אָפיציעלען טיטול: „אַטוירני דזשע־נעראַל אָוו דהי סיטי קאָורט". א צוויי־טער צד האָט געהאַלטען, אַז דער טי־טול געהערט צו מאַקס סטויער'ן. זאָל עס דאָ פאַרצייכענט ווערען, אַז סע־מיועל אונטערמייער — אויך א געענ־דיגטער פון קאָלאָמביאַ לאָא סקול — האָט אָנגעהויבען זיין לאָיערשע פּראַק־טיק אין 1879, אָדער מיט פערצען יאָר פריער ווי מאַקס ד. סטויער.

אין איינע פאַר יאָר איז מאַקס ד. סטויער געוואָרען דער „לאָיער פון דער איסט סאַיד". גע'שמ'ט האָט ער אַלס „טראַיל לאָיער". יעדער איסט סאַידער ביזנעסמאַן, אויב ער האָט נאָר געהאַט א שווערע קעיס, פלעגט לויפען צו מאַקס ד. סטויער'ן. און צענדליגע לאָ־יערס — אויב ס'איז זיי אויסגעקומען צו „טראַיל'ן" א קעיס אין קאָורט — פלעגען זיי אַלע לויפען צו מאַקס ד. סטויער'ן.

נעקסטער אַרטיקעל — מאָנטאָג.



**עני טשערניאַק**, די לידינג לעדי און סטאַר פון עני טשערניאַק'ס בראָנקס אַרט טעאַטער, וואו זי שפּילט די הויפּט־ראָלע, אין לואיס פריימאַנ'ס נייע ראַדיאָ־סענסאַציע „פאַרגעס מיך ניט", וואָס ווערט אויפגעפירט אין בראָנקס אַרט טעאַ־טער יעדען אָוונט אויך שבת און זונטאָג מאַטינעס.

# אַרבייטער רינג ברענטשעס פון ברוקלינער טעריטאָריע וועלען זיין פאַרטראָטען מיט 9 דעלעגאַטען ביי א. ר. קאַנווענשאַן אין ניו יאָרק

פאַרטרעטער פון די אַרבייטער רינג ברענטשעס אין ברוקלין און לאָנג איילאַנד (באַצייכענט אַלס די ברוקלין טעריטאָריע) האָבען זיך לעצטען דאָ־נערשטאָג אָוונט, אַפּריל 6טען, פאַר־זאַמעלט אין דעם באָראָ פּאַרק לייבאָר לייסעאום און ערוועהלט דעלעגאַטען צו דער אַרבייטער רינג קאַנווענשאַן, וואָס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין ניו יאָרק אין מאָנאַט מאַי, 1950.

די קאָנפערענץ איז ערעפענט גע־וואָרען דורך דעניעל איפּשין, פאַר־טרעטער פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַ־ניזאַציאָנס־קאָמיטע אַרב. רינג, מיט א קורצער איינלייטונג וועגען די פונק־ציעס פון די דעלעגאַטען ביי דער קאָנ־פערענץ און דעם אופן, ווי די אַנוועזענדע קענען ערוועהלען די נויטיגע צאָהל דעלעגאַטען פון דער ברוקלינער טעריטאָריע.

אין זיין רעדע האָט איפּשין אָנגע־וויזען אויף דער וויכטיגקייט פאַר די ברענטשעס צו פאַרשטאַרקען דעם קאַמפּעין פאַר מעמבערשיפּ און דורך דעם, נאָך אין איצטיגען דראַיוו, צו דערמעגליכען פאַר זייערע באַטרעפענדע ברענטשעס צו האָבען עקסטרע דעלעגאַטען ביי דער אַרבייטער רינג קאַנווענשאַן. פריינט איפּשין האָט ער־קלערט, אַז לויט דער איצטיגער צאָהל מעמבערס אין די אָרטיגע ברענטשעס, איז די ברוקלינער טעריטאָריע באַרעכ־טיגט צו שיקען 9 דעלעגאַטען צו דער אַרבייטער רינג קאַנווענשאַן הייאָר.

אַלס טשערמאַן פון דער קאָנפערענץ איז ערוועהלט געוואָרען טשאַרלס דעין, פון ברענטש 3; אַלס סעקרעטאַר־ען זיינען ערוועהלט געוואָרען: דזשיי. בערקאָוויטש, בר. 126, און א. זומאָף, ברענטש 315; אַלס ווייס־טשערמאַן פון דער קאָנפערענץ איז ערוועהלט גע־וואָרען וויליאַם באָום, פון בר. 295.

לויט דעם באַריכט פון דער קרעד־דענשעל קאָמיטע דורך איהר טשער־מאַן י. סניטקין, זיינען ביי דער קאָנ־פערענץ אַנוועזענד געווען 39 דעלע־גאַטען, פאַרטרעטענדיג 26 ברענטשעס. אַלע דעלעגאַטען זיינען ערקלערט גע־וואָרען אַלס געזעצליכע מיטגלידער פון דער קאָנפערענץ.

עס ווערט אָנגענומען א פאַרשלאַג, אַז די דעלעגאַטען צו דער קאַנווענשאַן זאָלען ערוועהלט ווערן דורך דירעקטע שטימען פון די פאַרטרעטער ביי דער־טעריטאָריע קאָנפערענץ. א קאָמיטע צו ציילען די אָפּגעגעבענע שטימען, באַשטעהענד פון מאָריס ווייס, בר. 315, און דזשאָו פעלדמאַן, בר. 481, איז ערוועהלט געוואָרען.

טשערמאַן דעין האָט פאָרגעלייענט די נעמען פון די 23 נאָמינירטע קאַנ־דידאַטען צו דער קאַנווענשאַן, פון וועלכע 9 דאַרפען ערוועהלט ווערען.

לויט דער צאָהל אָפּגעגעבענע שטי־מען זיינען די פאָלגענדע ערוועהלט געוואָרען:

סטעלאַ זומאָף (בר. 315־בי) — 35 שטימען.

דזשאָרדזש גאָהדאַן (בר. 315) — 33 שטימען.

מאַרעי פעלדמאַן (בר. 3־וואי) — 31 שטימען.

דעיוויד עלקין (ברענטש 696) — 30 שטימען.

יוסף בערזאָן (ברענטש 481) — 30 שטימען.

א. קאַטץ (בר. 3) — 29 שטימען.

הערי ראַכמיס (בר. 6)—29 שטימען

בערנאַרד סילווער (בר. 507) — 27 שטימען.

מ. גאָלדמאַן (ברענטש 126) — 26 שטימען.

אַלס אַלטערנעיט דעלעגאַט איז ערוועהלט געוואָרען סעם קושנער, פון ברענטש 968 אַרב. רינג.

די קרעדענשעלס קאָמיטע איז באַ־שטאַנען פון: סניטקין, בר. 419; ביי־דערמאַן, בר. 402; טוראַק, בר. 55; סאַראַקסאַן, בר. 506; פיורא, בר. 11, און פּאַלמער — ברענטש 1058.

די קאָנפערענץ איז געשלאָסען גע־וואָרען דורך וויליאַם באָום, ווייס־טשערמאַן, וועלכער האָט, אין א קרעפ־טיגען אַפּיל, אויפגעפאָדערט די אָנ־וועזענדע פאַרטרעטער און דורך זיי די 39 ברענטשעס פון אַרבייטער רינג אין ברוקלין וועמען זיי פאַרטרעטען ביי דער קאָנפערענץ, זיי זאָלען זיך מער אינטענסיוו אַריינוואַרפען אין אַלע טעטיגקייטען וואָס דער אַרביי־טער רינג פירט אָן און הויפּטזעכליך אין פאַרגרעסערען זייער מעמבערשיפּ. ער דריקט אויס די האָפנונג, אַז צו דער קומענדער אַרבייטער רינג קאַנווענשאַן אין צוויי יאָר אַרום, וועט די ברוקלין־טעריטאָריע קענען (לויט איר פאַר־גרעסערטער מעמבערשיפּ) שיקען א דעלעגאַציע טאָפּעלט די גרויס ווי די האַי־יאָריגע.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ● ● ● פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

איז וואס האלט איהם אפ אפצורופען איהר, צו באשטעלען מיט איהר א „דעיט", צו זעהן איהר און זיך דורכ־ריידען מיט איהר וועגען אלץ. איז שוין טאקע אלץ אוים צווישען זיי? ער פיהלט, לארי, אז ער האט געמאכט א פאלשען טראט. עלינאר וועט ניט פארגעבען זיין לאזען איהר ווארטען ביז ער וועט זיך בארעכענען. ער האט מורא, אז איך ליבשאפט צו איהם זאל ניט פארוואנדלען זיך אין האס און ביטערניש. ער הענגט אויף צוריק די טעלעפאן־טרייבעל. מיט ביידע הענט פארלענט איבער זיין שטערען שפאנט ער ארום הין און צוריק איבער זיין צימער. עס איז איהם שווער צו ברענגען אין ארדנונג זיינע געדאנקען און בארוהיגען זיינע צעשטורעמטע געפיהלען.

א סך מאל האט ער שוין געמאכט א פרואוו אריינצוטראכטען זיך טיפער אין דעם ענין. וואס איז אייגענטליך געשעהן? וואס האט געבראכט צו דעם ריס צווישען זיי? דאס איז זינט יענעם טאג ווען ער האט עלינאר'ן גענומען קיין ברוקלין צו באקענען זיך מיט זיין טאטע־מאמע. יא, דאס גע־דענקט ער גוט. און ווי דערנאך, אפ־פירענדיג איך צוריק אהיים, איז זי געווען אויפגערייצט און ווילד און זי האט אומגעריכט פארפירט מיט איהם א קריג. יא, פון יענעם טאג אן האט זיך אנגעהויבען די צרה. דאס איז פאר איהם קלאר.

אבער וואס האט געמאכט, אז זי זאל ווערען אזוי אויפגערייצט אין יענעם טאג ביי איהם אין דערהיים? זיי זיינען דאך אלע געווען אזוי גוט צו איהר. די מאמע זיינע, די שוועס־טער, דער ברודער זיינער און די אלע איבעריגע געסט. נאר זי אליין עלי־נאר, האט זיך אזוי געהאלטען, אז מען האט ניט געקענט וויסען צי זיינע אייגענע געפעלען איהר אדער ניט. מסתמא האט זי דעמאלט דורכגעלעבט איינע פון אירע שטימונגען, וואס דאס פאסירט מיט איהר גאנץ אפט.

אזוי האט לארי איצט איבערגע־טראכט וועגען עלינאר'ן. ער האט ניט געקענט וויסען, אז שוירלי, זיין אינגסטע שוועסטער, האט דעמאלט, ביים אוונט, עלינאר'ן דערצעהלט, אומשולדיגערהייט, אז דאס מיידעל, די שעהנע ליליען, האט געזאלט זיין לארי'ס א כלה און אז אלע אין דער פאמיליע זיינען שוין געווען זיכער אין דעם. לארי האט ניט געקענט וויסען, אז די אמת'ע אורזאך פון עלינאר'ס כעס איז געווען די אייפערזוכט צו דער מיידעל ליליען און אז זי האט אין הארצען באשולדיגט לארי'ן, אז ער האט געהאט א געליבטע פאר איהר און אז ער האט איהר נאך אפשר איצט אויך ליב, און איה, עלינאר'ן, האט ער פון דעם גארניט דערצעהלט.

אין אזעלכע מינוטען פון צערודע־רונג איז לארי אפט צוגעגאנגען צו זיין טישעל און ארויסגענומען פון שופלאר א בילד פון עלינאר'ן, וואס זי האט איהם געגעבען נאך איידער דער גרויסער קריג צווישען זיי איז פארגעקומען. דאס איז געווען א קליי־נע פאטאגראפיע, א „סנעפ־שאט", גענומען אין איינעם א זומער אין פארק. עלינאר'ס באזונדערע שעהנ־קייט האט זיך אויף דעם בילד שטארק אנגעזעהן. איר שמאל, לענגלעך פנים ארומגעזוימט פון די טונקעלע, צע־לאקטע האר. דער פיינער שטערען און דער איינגעהאלטענער שמייכעל פון אירע אויגען, מיט א שאטען פון אומעט אין זיי.

א פנים סענסיטיוו און ראפינירט. וואס פאר אן אונטערשייד צווישען איהר און די אנדערע מיידלעך וואס ער האט געקענט! וואס פאר אן אונ־טערשייד צווישען איהר און דער מיי־דעל ליליען פון זיין אייגענער משפחה, וואס אלע זאגען, אז זי איז א שעהנהייט! ליליען איז נאריש. ער האט קיינמאל ניט וועגען וואס צו רעדען מיט איהר און עס איז איהם אר־מעטיג אין איהר געזעלשאפט. ליליען איז נאכגעביג און פאסיוו. „נאר מיט'ן האנט צו דערלאנגען"... און עלינאר איז קאפריזנע. זי קען זיין צארט און שפילעוודיג און טעמפעראמענט־פול אין דעם אופן ווי זי האט ליב. זי קען זיין רייצענדיג און ארויסרו־פענדיג. און אלע מאל איז זי פאר איהם געווען אן אנדערע.

ער הא צוריק באהאלטען די בילד און די בענקשאפט אין איהם איז איצט געווען שטארקער ווי אלע מאל. צי איז שוין טאקע אלץ פארפאלען? צי קען שוין ניט זיין צוריק גוט צווישען זיי ווי געווען? עס איז דאך שוין ניט דאס ערשטע מאל אז זיי האבען גע־האט אן איבעררייס צווישען זיך. און דערנאך איז אלץ צוריק גוט געווארען, און זיי ביידע האבען עס באלד פאר־געסען.

ערגער פון אלץ איז געווען, וואס די געדאנקען ביי לארי'ן זיינען אזוי ווי געלאפען הין און צוריק, ווי צוויי לארים וואלטען אינעווייניג אין איהם געפירט א שטריט, און דער אנדערער לארי האט זיך באלד ארויסגעשטעלט און ער האט איהם דערמאנט:

— דו טראכסט וועגען צוריק גוט־מאכען מיט עלינאר'ן? אבער צי וויל־סטו דאס טאקע מיט אן אמת? דו האסט שוין פארגעסען אן אירע אלע חסרונות...

און דעמאלט זיינען איהם געקומען אויפ'ן זינען א סך פון עלינאר'ס שטריכען אין איהר כאראקטער, וואס איז איהם אלע מאל שווער געווען צו פארשטיין. אירע אלערליי שטימונגען, אירע פלוצלומדיגע אויסברוכען פון צארן, פון ווערען אין כעס איבער קלייניגקייטען. זי האט קיינמאל ניט געלאזען זיך פון איהם לערנען.

וויפיל מאל ער האט געקליבען זיך אוועקזעצען מיט איהר, זיך דורכרעדען זאכליך וועגען זייערע פלענער פאר דער צוקונפט, וועגען דעם ווי זיי זא־לען זיך פירען נאך דער חתונה, האט עלינאר ניט געהאלטען זיך ערנסט. אלץ איז ביי איהר געווען ווי אויף א שפאס. זי האט זיך ארומגעטראגען מיט אלערליי פאנטאזיעס, און ער, לארי, האט ליב געהאט קלארקייט אין אלץ און פלאנירונג אין פאראוים, און ער האט פיינט געהאט גלאט פאנטא־זיעס. געווען זיינען געוויסע שטריכען אין עלינאר'ס נאטור, וואס זיינען איהם ניט געווען צום הארצען, נאר וואס ער האט געהאפט אז זי וועט זיך איבעראנדערשען מיט דער צייט. ער וועט איר העלפען. איצט זיי־נען אט־די שטריכען אויסגעוואקסען אין זיינע אויגען ווי גרויסע חסרונות, וואס מען קען שוין ניט איבערמאכען, ניט פארריכטען.

לארי'ן דוכט זיך איצט ווי ער זעהט דאס אלץ קלאר. די געפיהלען ביי עלי־נאר'ן האבען די אויבערהאנט איבער איר געדאנק. זי פארווענדעט צופיל ענערגיע אויף אירע קאפריזען און אירע שטימונגען. עס איז ניט קלוג צו לאזען זיך פירען פון טעמפערא־מענט. געוויס, עלינאר איז רייצענדיג, זי איז פארכאפענדיג אינטערעסאנט אזא ווי זי איז, נאר צי איז ער גרייט צו לאזען זיך אויף א לעבען, וואס זאל זיין פול מיט אוואנטורעס?

— „ניין, ער איז ניט גרייט", — האט דעמאלט לארי געזאגט צו זיך אליין. זיינע אלע יארען האט ער גע־שטרעבט צו פירען א געזעצטען, נאר־מאלען לעבען, אז אלץ זאל אוועקגע־שטעלט ווערען אויף א פעסטען פונ־דאמענט, און אזוי ארום צו דערגריי־כען צו א העכערען שטאנד, און איצט זאל ער דארפען זיך פארקערעווען אז א זייט? מען האט נעמוזט די זאך גוט דורכטראכטען און אנאליזירען. עס איז צופיל אן ערנסטער ענין צו בויען א צוקונפט, צו פירען א פאר־הייראטען לעבען מיט דער ריכטיגער פרוי.

(ווייטערס — מארגען)

# היינט אוונט טעסטימאניעל פאר נחום נרדי אין טאון האל

היינטיגען זונטאג אוונט, דעם 9טען אפריל, וועט אין טאון האל פאר־קומען א גרויסער מוזיקאלישער יום־טוב לכבוד 25 יאר מוזיקאלישע שא־פונג פון דעם ישראל־קאמפאזיטאר נחום נרדי.

עס וועלען אנטיילנעמען: דער כאר פון אידישען נאציאנאלען ארבייטער פארבאנד, אונטער דער לייטונג פון לעא ליאוו; די יונגע זינגערין מארטא שליאמא, אין אידישע און העברעאישע לידער; רוט באקארט, מעצא־סאפרא־נא; לארענס דעווידסאן, פון מעטרא־פאליטאן אפערא; ביטרים קלינאוו־סקי, פאריזער אפערע; ריטא קארפי־נאוויטש אין חסיד'ישע נגונים; גלאר־ריע פערקינס, וויאלאניסטין; סילוויא דייטשער, קאנצערט באסאניסט, און ווילי קושנער, קאנצערט קלארניסט.

נחום נרדי האט געשאפען מוזיק פאר עטליכע הונדערט אידישע און העברעאישע לידער, וועלכע ווערען געזונגען איבעראל וואו עס געפינט זיך א אידישער ישוב.



# צו דעם 50־יאריגען יובילעי פון דעם ארבעטער רינג

פון י. באסקין

(שלוס פון פעידוש 2, סעקשאן 2)

געווען קיין מיטגליד פון דעם ארבעי־טער רינג פאראיין; פונדעסטוועגען, ווען מ'פלעגט קומען צו זיי וועגען לעקציעס, האבען זיי זיך ניט אפגע־זאגט און ביסלעכווייז האבען זיי איינגעזעהן, אז דער פאראיין איז ניט אזא „ביטול'ע" זאך ווי זיי האבען זיך פארגעשטעלט; ער האט אין זיך אמת־ממשות'דיגקייט און עס זיינען געקומען צום פאראיין אזעלכע פער־זענליכקייטען ווי דר. פעסקין, יעקב גארדין און נאך א צאל פון די אינ־טעליגענטען נאך דעם ווי דער „פאר־ווערטס" איז געגרינדעט געווארען און ערשט דאן האט דער פאראיין געהאט די מעגליכקייט ארויסצוקומען אין דער עפענטליכקייט און פארברענגען זיין פראגראם באר דער ברייטער אידישער מאסע.

דער פאראיין האט אזוי אנגעפירט זיין שטילע אויפקלערונגס־ און סאַ־ציאליסטישע ארבייט אין פארלויף פון יארען, האט ביסלעכווייז פארגרעסערט די ספערע פון זיין ווירקונג אויף די מאסען און אין 1900, אין מאנאט סעפטעמבער, איז אפיציעל ארגאני־זירט געווארען דער ארבייטער רינג אלס פראטערנאלער ארדען פון אידי־שען פאלקס־מענש. די זעלבע פרינצי־פען, די זעלביגע צילען וואס דער פאר־איין האט זיך געשטעלט ביי זיין גרינ־דונג האט אויך איבערגענומען דער ארבייטער רינג אלס א באזיס פאר זיין ווייטערדיגער אנטוויקלונג. די צוויי עלעמענטען, מאטעריעלע פארזיכערונג פאר די מיטגלידער און סאציאליסטי־שע אידעאלען, זיינען איינגעפאסט גע־ווארען אין זיינע סטאטוטען און אין זיין ווייטערדיגער אנטוויקלונג. אין זיין גאנצער עקזיסטענץ לויפט דורך ווי א רויטער פאדים אט־די קאמבינא־ציע, און אין דעם ליגט דער כוח און דער סוד פון זיין ווירקונג אויף דעם גאנג פון אונזער אידישען און סאַ־ציאליסטישען לעבען.

עס איז דא א מיינונג, אז א גרויסע ווירקונג אויף דער פארמירונג פון דעם סאציאליסטישען ארבייטער רינג פאר־איין האט געהאט די דייטשע קראנקען־קאסע, וואס איז ארגאניזירט געווארען אין 1884, און איז באשטאנען פון סאציאליסטישע טוער וואס האבען עמיגרירט קיין אמעריקע, איבערהויפט נאך די שטרענגע ביסמארק אנטי־סאציאליסטישע געזעצען.

עס איז דא אזא מיינונג, אבער פיל פון די אלטע טוער פון דער דייטשער קראנקען־קאסע זעהען ניט קיין שייכות צווישען די צוויי ארגאניזא־ציעס, אבוואל לויט זייער כאראקטער, לויט זייערע שטרעבונגען, זיינען ביי־דע געווען סאציאליסטיש.

דער ערשטער גענעראל סעקרעטאר פון ארבייטער רינג איז ביי דער קאנ־ווענשאן פון 1901 ערוועהלט געווארען. דאס איז געווען ב. פייגענבוים, מיט א געהאלט פון $15 א וואך.

פייגענבוים, א געבוירענער ביי חסידישע עלטערן, האט ביז דעם על־טער פון עטליכע און צוואנציג יאר, געלערענט אין ישיבות. שפעטער, אבער, האט ער פארלאזען די ישיבה און ער איז געווארען א סאציאליסט און ארומגעוואנדערט איבער אייראפע פון איין שטאט אין דער צווייטער, ביז ער איז געקומען קיין אמעריקע. ווען מ'האט איהם ערוועהלט אלס סעק־רעטאר האט ער דערקלערט, אז ער נעמט אן דעם אמט נאר צוליב איין זאך — און דאס איז וואס ער זעהט אין דעם ארבייטער רינג א גרויס פעלד פאר סאציאליסטישער טעטיגקייט. ער באטראכט דעם ארבייטער רינג אלס א גרויסען סאציאליסטישען צענטער און דעריבער פיהלט ער פאר זיין פליכט אפצוגעבען זיין צייט און ענער־גיע פאר דער ארגאניזאציע.

אויך דער צווייטער סעקרעטאר פון ארבייטער רינג, יאזענצווייג, האט באטראכט דער ארבייטער רינג פון דעם זעלבען שטאנדפונקט און האט געווידמעט דעם גרעסטען טייל פון זיין צייט צו א סאציאליסטישער פרא־פאגאנדע און האט געהאלטען א סך לעקציעס פאר די מיטגלידער וועגען נאטור־וויסענשאפט און סאציאליזם.

דער עלעגענט פון זעלבסט־היקף האט ביי זי אויך אזוי פיל געשפילט א ראלע, אויך וויפיל ער איז געווען אוים עקייטערט און באלייכטען מיי־דעם סאציאליסטישען אידעאל.

עס איז אינטערעסאנט צו באמער־קען, אז ראזענצווייג איז געווען א הויך־געבילדעטער מענש, אבער זיין גאנצע בילדונג האט ער געקראגען ניט דורך אוניווערזיטעטען, ניט דורך לעק־ציעס, נאר דורך א יגענער ארבייט בין לערנען זיך פון ביכער, און דאס האט ער געטאן אין די אוונט־שטונדען, ווייל בי טאג איז ער געווען א קאנ־דוקטאר. אזוי אויך פייגענבוים. אום צו מאכען א לעבען, האט זיך ער אפ־געגעבען די ערשטע צייט אין אמע־ריקע מיט סטאלעריי און אין דער זעל־בער צייט איז ער געווען א מיט־ארבייטער אין דער דעמאלסטדיגער „אוונג ד'אט".

מי האבען פריהער באטאנט, אז די צוויי עלעמענטען, מאטעריע און גייסט, זיינען געווען צוזאמענגעבונדען אין דער געשיכטע פון דעם ארבייטער רינג. זיין סאציאליסטישער גייסט האט איהם געטריבען אויף דעם וועג צו העלפען פארשטארקען די טרעיד יוניאן באוועגונג צווישען די אידישע מאסען, וועלכע האט זיך דאן געפונען אויף א גאר נידעריגען מצב. און עס איז קיין וואונדער ניט וואס אין סאמע אנהויב פון דער גרינדונג פון דעם פאראיין, און ספּאַי אין דעם ארב. רינג ארדען, האט דער טרעיד יוניאן עלעמענט געשפילט א גרויסע ראלע אין די פארערונג, אז די מיט־גלידער מוזען באלאנגען צו די יוניאנס פון זייער פאך, איז געווארען אין דער ארגאניזאציע א היילינער געבאט — מיר וואלטען געזאגט, א שטרענגער געבאט, וואס די מיטגלידער האבען געמוזט היילינ אפהיטען.

אזא באציהונג פון דעם ארבייטער רינג צו דער טרעיד יוניאן באוועגונג האט, נאטירליך, געמוזט העלפען פאר־שטארקען די טרעיד יוניאן באוועגונג אין אלע פאכען, אין וועלכע די אידי־שע ארבייטער מאסען זיינען געווען פארנומען.

מיין צוועק אין שרייבען דעם ארטי־קעל איז ניט צו געבען א פולשטענדיג בילד פון אלע ארבייטער רינג טעטיג־קייטען אויף אלע געביטען פון אונזער ארבייטער, סאציאליסטישען און גע־זעלשאפטליכען לעבען. דאס בילד איז צו ברייט, צו טיף, און די טעטיגקייט פארנעמט אזוי פיל פעלדער, אז עס איז אונמעגליך אין צענדליגער און צענדליגער ארטיקלען דאס איבערצו־געבען. אהוץ דעם גיט ארוים די נא־ציאנאלע עקזעקוטיווע א ספעציעלען בוך וועגען דער געשיכטע פון ארבעי־טער רינג. דער בוך וועט ערשיינען צו דער ערעפענונג פון דער קאנווענ־שאן. מיין אבזיכט איז איבערצוגעבען אין קורצען וועגען דער אנטשטעהונג פון דער ארגאניזאציע, די אטמאספע־רע, אין וועלכער זי איז געגרינדעט געווארען און ספעציעלע עפּיזאדען, וויכטיגע מאמענטען, אין וועלכע איך, אלס בעאמטער פאר די עטליכע צענד־ליג יאהר, האב גענומען [illegible] אנטייל.

# אַט אַזוי האָט אַ איד פון פּוילען זיך אַרויפגעאַרבעט אין אַמעריקע

פון ה. לאנג

(שלוס פון פעידוש 4, סעקשאן 2)

דער לאדזער בונדיסט פון שוסטערשען ווארשטאט, איז אין מיטען פון דעם אלעמען, דער הויפט־נערוו, טאקע דער מח און די הארץ. ניט ארויפגעארבי־טע און אנגעצויגענע באלעבאטישקייט רעגולירט דאס אלץ, נאר גוט־ברודער־שע צוגעלאזענקייט.

פאר'ן אויפקום זיינעם, זאגט ער מיר, איז ניט ער פאראנטווארטליך. זיין רייך־ווערען איז א צופאל, זאגט ער ווייטער. ער האט געקענט פונקט אזוי אפלעבען זיין לעבען מיט'ן ווארשטאט, אדער דעם „שוה ריפערינג שאפ", מיט וועלכען ער האט דא אנ־געהויבען. נאר אז עס האט זיך אנ־געקליבען אביסעל אפגעשפארטע געלט דערפון, און ער האט איינגעשטעלט א סטאר, און די סטאר איז אוועק גוט, און ער האט אין אן אנדער קווארטאל געעפענט א צווייטע סטאר, און זי איז אויך אוועק גוט, זיינען שוין די געשעפטען אזוי געגאנגען פון נאך און נאך סטארס, ביז די איצטיגע הונ־דערט און פינף־און־זיבעציג. ער האט דערביי בלויז געהאט צוויי „פרינצי־פען": ערשטענס, ניט נעמען זיך יא־גען צו מער רייכטום דורך פרואווען אינוועסטען געלט אין עפּעס אנדערש; טאקע קיינמאל ניט; קויפען שערס, סטאקס, און נאכפאלגען די חשבונות צי זיי שטייגען, צי זיי פאלען — דאס וועט ער בשום אופן ניט טאן; צווייטענס, קיינמאל ניט אויפשטעלען פון זיינע געשעפטען א קארפארעישאן מיט פרעמדע שותפים, און אויך ניט לייהען געלט אין באנקען אויף צו עפע־נען ערגעץ נאך און נאך א סטאר. די געשעפטען זיינע אין די זיבען וועס־טערן שטאטען זיינען, אזוי צו זאגען, נאטירליך־ארויסגעוואקסענע איינע פון דער צווייטער. די הונדערט און פינף־און־זיבעציג סטארס זיינען הונדערט און פינף־און־זיבעציג צווייגלעך פון א ביזנעס־בוים, וואס ער האט פאר־פלאנצט. אבער פאר'ן וואוקס זייערען איז ער ניט פאראנטווארטליך.

זיין ענערגיע אין דעם? ס'איז דאך פארט ניט קיין קלייניגקייט צו האבען צו טאן מיט אויפשטעלען און אנפיי־רען הונדערט און פינף־און־זיבעציג סטארס! זאגט ער, אז פאר דער ענער־גיע איז פאראנטווארטליך דער „בונד" דער סאציאליזם, לויט ווי ער האט עס געלערנט ביי דעם „בונד" אין לאדז. ניט אלע פון היינטיגע אי־דישע גבירים געדענקען דאס, מאכט ער אויך א באמערקונג. די סאציא־ליסטישע באוועגונג ביי אידען אין יענע טעג אין פוילען האט „געוועקט די ארימסטע קינדער, אז זיי זאלען פאנאנדערנעמען די כוחות אין זיך, פארשטיין דאס לעבען, אנטוויקלען אין זיך כאראקטער, און וועלען זיי דאס טאן, וועלען זיי שפילען א ראל אין דער וועלט פונקט אזוי ווי די, ווע־מען זיי זעהען ארום זיך אלס טאן־געבער און הערשער. גלויבט ער, אז גארניט קיין קליינע צאל פון די איצט ערפאלגרייכע אידען אויף די פארשי־דענסטע פעלדער פון אמעריקאנער לע־בען דארף ארומגעהן מיט בענקשאפט אין די הערצער פאר דער סאציאליסטי־שער ערציאונג אין די יונגע יארען, „קינדער פון אביונים זיינען מיר גע־ווען, און אין א דרייפאכען גלות: אונ־טער טיראניי אין לאנד, אין א בלאָ־טיגען הונגער אין די שטעטלעך, און אין א ביטערער אומוויסענהייט; די סאציאליסטען האבען דאס אויפגערי־סען אין אלעמענ'ס געדאנקען."

פינחס קארל באאבאכטעט אויף אן אינטערעסאנטען שטייגער נאך אן ענין:

— אין די דעמאלטדיגע יארען פון לאדז און פון ווארשע, און וואו־ניט, האבען סאציאליסטען גערעדט צו ארי־מע אידישע אינגלעך, אז „מען זאל זיין א מענש"; היינט מוזען סאציא־ליסטען רעדען צום אינגערען רוה, אז „מען זאל זיין א איד." קיין ווידער־שפּרוך איז אין דעם ניטא. „זיין א מענש" האט געמיינט זיין אויפגע־קלערט און אריינגענעמען אין זיך זעלבסטווירדע, און דאס מיינט אויך איצט מיט'ן „זיין א איד." ניט קיין ווידערשפּרוך, נאר אן אנדער טער־מינאלאגיע, לויט דער אפּגעלאפענער צייט...

ווי א גביר, איז פינחס קארל'ס געזעלשאפטליכער לעבען אוודאי צווי־שען גבירים. ער איז א מיטגליד אין רייכע קלובען, און ניט דווקא אין קאַ־ליפארניע; די גאנצע וועסט איז דאך זיין אומגעבונג. און ער שטעהט פרא־מינענט ווי א גביר אין די אידישע שטעט־קאמפעינס פאר האספיטאלס, פאר סאניטאריומס, פאר ערציהונגס־אנשטאלטען. און ער האלט שטארק פון דער באוועגונג, וואס שפרייט זיך איצט אין אידישען לעבען איבער דער גאנצער וועסט, פאר „סענטערס", אומ־אפהייניגיג פון די טעמפלען, און ער איז באהילפיג אין דעם. רעדען מיר וועגען אלץ, וואס איז פארבונדען דערמיט, און ער ווייזט מיר אויך אז אויפ'ן פאקט וואס זעכציג פראצענט פון זיינע געשעפטליכע מיטארבייטער אין אין ארום זיינע הונדערט און פינף־און־זיבעציג סטארס זיינען אידען, און וואס דאס שטריכט אונטער די גרויס־קייט פון אידישע אונטערנעמער־גדלות אין דער וועסט. אגב, הער איך פון איהם אויך וועגען דער מערק־ווירדיגקייט וואס פראוען־שיך איבער'ן גאנצען לאנד, פראדוקציע און האנדעל, „האלסעיל" און „ריטעיל", זיינען אין אידישע הענט; דאגעגען, מענער־ און קינדער־שיך — ניט. ס'האט צו טאן מיט די מאדעס ביי פרויען־שיך. ס'איז דא אין דעם ארטיסטישעס. מען דארף פאר דעם פאנטאזיע, אידען דערהויבען די אמאליגע ארימע שוסטערייי צו רייכער שעהנקייט. נאר אט איז דאך פינחס קארל טאקע א ביישפיל וואס אידען טוען־אויף מיט שוסטעריי. ביי זיין זיבעציגסטען יאר איז ער א שררה אין זיבען שטאטען, א שררה און א סאציאליסט, מיט ברכות וואס ער קריגט פון מענשען אין געשעפטען און מענשען אידעאליסטען.



# פערזענליכעס

## און נעזוכטע קרובים

Isidore Shapiro, 317 E. 4th St., N. Y.

Israel Eli Lederman, 292 Stanton St., New York c/o Weissman

2104 Bronx Park E., Bronx 60, N. Y. TA 2-1433

Beile Brumberger, Haseheloach 19, Haifa, Israel

Pincus Barenbaum, c. o. Serv Self Grocers, 978 Brook Ave., Bronx, N. Y.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

לאַרי האָט זיך איצט דערמאָנט אָן געוויסע, וויכטיגע מענשען מיט גרויסע נעמען, פון וועלכע ער האָט געהערט אָדער געלייענט. אַזעלכע, וואָס האָבען רואינירט זייער לעבען צוליב אַ פרוי, צוליב ליבע. — „וועט ער אויך זיין איינער פון זיי?" ער, לאַרי האָט איצט אָנגעהויבען צו לעבען. — „ער קען זיך ניט ערלויבען אָפּצוטרעטען פון זיין אָנגעהויבענעם וועג". — אַזוי האָט לאַרי דעמאָלט אַלץ פילאָזאָפירט און איבערגעטראַכט וועגען זיך און וועגען עלינאָר'ן. ביסלעכווייז וועט ער דאַרפען זיך אָפּגעוואוינען פון איר. אַפילו טראַכטען פון איר וועט ער זיך אַליין פאַרווערען.

דאָס זיינען געווען שווערע טעג פאַר לאַרי'ן. פונקט דעמאָלט, ווען אים האָט זיך געדאַכט אַז ער איז גרייט עלינאָר'ן אויפצוגעבען, איר פאַרגעסען, האָט זי אַלץ מער אָנגעהויבען פאַרנעמען זיינע געדאַנקען. לאַרי האָט דעמאָלט אַזוי ווי אויפגעהערט צו האָבען אַ דעה איבער זיך. אַלץ אַרום אים האָט אים דערמאָנט אָן עלינאָר'ן. צי דאָס איז געווען אין שפּיטאָל, ווען ער האָט געשמועסט מיט אַ נוירס, אָדער אין רעסטאָראַן, וואו ער האָט געגעסען מיטאָג. ביי אים אין צימער, אַליין מיט זיך איז נאָך ערגער געווען. ער זיצט און לייענט, איז פאַרטיפט אין עפּעס אַ בוך, און אָט כאַפּט ער זיך ווי ער טוט נאָר און טראַכט וועגען איר. ער זעהט איר, עלינאָר'ן, אין אַלערליי פּאָזעס:

אָט דוכט זיך אים ווי ער איז ביי איר אין דער היים. זיי זיצען ביידע אין „ליווינג רום" און פאַרברענגען. ער זעהט די באַקאַנטע באַוועגונג אירע מיט דער האַנט, ווי זי פאַרשאַרט אירע האָר אַרויף פון שטערן. ער זעהט אירע טונקעלע אויגען אויפשיינען ווען זי איז פון עפּעס באַגייסטערט; איר שטילען, איינגעהאַלטענעם שמייכעל, ווען זי איז פון עפּעס פאַרקלערט. אָדער איר פרייען, לוסטיגען געלעכטער ווען זי איז באַזונדערס גוט אויפגעלעגט. ער האַלט איר אַרומגענומען. פיהלט אירע בויגעוודיגע גלידער, דעם ליידענשאַפטליכען ציטער אין זיי. ער איז פאַר'שיכור'ט, לאַרי, פון די דערמאָנונגען. וועגען איר, און זיין קאָפּ איז אים ניט קלאָר. עס איז אים זעהר שווער אויפ'ן האַרצען.

„עלינאָר", — רעדט ער אַרויס שטיל, ווי צו זיך אַליין. — „איך דאַרף דיך האָבען, איך קען דיך ניט לאָזען געהן"... ניין, זיי מוזען זיך נאָך זעהן.

און ווי איינער, וואָס וויל נאָך אָנהאַלטען דאָס, וואָס עס אַנטלויפט פון אים, האָט ער מיט זיך אַליין איינגע'טענה'ט: — נו, גוט. עס קען שוין ניט זיין צווישען זיי דאָס, וואָס עס איז געווען. אָבער פאַרוואָס קענען זיי ניט פאַרבלייבען גוטע פריינט. פאַרוואָס זאָלען זיי ניט קענען זיך זעהן? — עס איז אים דעמאָלט איינגעפאַלען אַ ווילדער געדאַנק, ער זאָל עלינאָר'ן האָבען נאָר פאַר אַ געליבטע, ניט פאַר קיין ווייב. ער וועט זיך באַגעגענען מיט איר ניט ביי איר אין דער היים, נאָר ערגעץ אין אַן אַנדער פּלאַץ וועט ער באַשטעלען מיט איר אַ „דעיט".

נאָר ער האָט וואויל געוואוסט, אַז עלינאָר וועט ניט קומען. שפּעטער האָט ער אַליין זיך געשעמט פאַר זיין ווילדען איינפאַל. ער האָט אין געדאַנק זיך פאָרגעשטעלט ווי עלינאָר וואָלט זיך געפיהלט געקרענקט, באַליידיגט. — „נאָר אומעהרליכע מענשען קען איינפאַלען אַזעלכע זאַכען". — וואו איז זיין אחריות, די פאַראַנטוואָרטליכקייט, וואָס ער האָט אַלע מאָל געפיהלט צו איר?

דאָך האָט ער אַלץ אויף עפּעס געהאָפט, לאַרי. עס מוז זיך געפינען אַן אויסוועג, אַז ער זאָל איר נאָך קענען זעהן. אַלע טאָג האָט ער געוואַרט אַז עלינאָר זאָל לאָזען הערען פון זיך. ער, לאַרי, וואָס האָט אַלעמאָל געוואוסט די ריכטיגע זאַך, וואָס מען דאַרף טאָן, און וואָס יעדער זאַך איז ביי אים געווען אויסגערעכענט און אויסגעפּלאַנט, האָט איצט פאַרלאָרען דעם קאָפּ.

---

ניין, ניט אַזוי גרינג איז לאַרי'ן געווען אָנצונעמען אַ פעסטען באַשלוס, און ער האָט געפירט מיט זיך אַ גרויסען שטרייט. ער איז דאָך געווען פון דער נאַטור אויס אַ פאַראַנטוואָרטליכער מענש, און ער האָט אַלע מאָל געהאַנדעלט עהרליך. ער האָט געגעבען זיין וואָרט צו עלינאָר'ן, און איצט איז זיין געוויסען אויפגערודערט, ווייל ער איז אויפ'ן וועג פון איבעררייסען מיט איר. עלינאָר, זיין געליבט מיידעל. דאָס האַרץ איז אים אַזוי שווער, דער געדאַנק איבערגעמישט. פאַרוואָס טוט ער דאָס? דאָס לעבען טרייבט אים צו דעם, דאָס לעבען, זיין צוקונפט, אַלץ פאָדערט פון אים, אַז ער זאָל האַנדלען גיך, באַלד. אַז ער זאָל קענען אָנגעהן מיט זיין ווייטערדיגער אַרבייט.

נאָר איידער ער האָט באַשלאָסען צו מאַכען דעם געוואָגטען טראָט, האָט ער געפיהלט, ער מוז זיך דורכרעדען מיט אימיצען אַ נאָהענטען מענשען, וואָס זאָל אים פאַרשטעהן, און דאָס איז געווען זיין אייגענע מאַמע. מיט קיין אַנדער זאַך איז ער קיינמאָל ניט געווען אַזוי אָפענהאַרציג ווי מיט איר. ניט צום טאַטען זייערען, נאָר צו דער מאַמען, זיינען די פינקעלשטיין־קינדער געוואוינט געווען זיך צו פאַרטרויען מיט זייערע סודות, ווענדען זיך צו איר מיט אַן עצה. דער אַלטער פינקעלשטיין איז פון אַלע מאָל געווען צופיל פאַריאָגט מיט זיין אַרבייט און ער האָט גאָר וועניג געוואוסט פון עפּעס, אויסער פון „מאַכען אַ לעבען", די מאַמע, לאַרי'ס, האָט פאַרמאָגט אַ גראַדען שכל, געקענט גרינג אויפכאַפּען זאַכען, און נאָך ביז היינטיגען טאָג איז ביי לאַרי'ן פאַרבליבען די געוואוינהייט צו פאַרטרויען זיך פאַר זיין מאַמען. הערען פון איר אַ קלוג וואָרט, אַ טרייסט אין אַ שווערער מינוט.

איז אין איינעם פון יענע טעג, ווען לאַרי האָט געקענט אָפּרייסען אַ פּאָר שעה פון זיין אַרבייט אין שפּיטאָל, האָט מען אים געקענט זעהן ווי ער לאָזט זיך געהן צום סאָבוועי פאָרען קיין ברוקלין. ער האָט שוין פריהער מיט אַ פּאָר טעג, רעדענדיג מיט זיין מאַמען דורכ'ן טעלעפאָן, געגעבען איר אַן אָנצוהערעניש, אַז עס קאָן זיין, אַז אַלץ איז שוין אויס צווישען אים און עלינאָר'ן. ער האָט אַזוי אַרום געוואָלט צוגרייטען איר צו דער לאַגע.

אַז ער איז אָנגעקומען אַהיים, איז די מאַמע זיינע אין שטוב ניט געווען. נאָר לאַרי האָט געהאַט ביי זיך אַ שליסעל. ער איז אַריין, זיך אַוועקגעזעצט דערוויל אין ליווינג־רום וואַרטען, רויכערענדיג איין פּאַפּיראָס נאָכ'ן אַנדערן. עס איז געווען פאַרנאַכט, און די מאַמע לאַרי'ס איז באַלד אָנגעקומען מיט פּעקלעך איינגעקויפטע זאַכען פון גראָסערי. זי האָט זיך מיט אים שטאַרק דערפרעהט:

— לאַרי, מיין זוהן! — אירע אַלטע אויגען האָבען געקוקט אויף אים מיט ליבשאַפט און מיט אַנגסט.

— איך האָב היינט אַ פּאָר שעה צייט, מאַ, — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט פאַר איר.

— ווען איך ווייס אַז דו דאַרפסט קומען, וואָלט איך אָנגעגרייט פאַר דיר אַ גוטען סאַפּער.

— איך בין ניט הונגעריג, מאַ. איך האָב געהאַט אָפּגעגעסען איידער איך בין געפאָרען אַהער.

— כ'וועל סיי־ווי עפּעס צוגרייטען, — האָט זי באַלד זיך גענומען פאָרען אַרום אויווען.

— אָל־ראַיט, — האָט לאַרי נאָכגעגעבען, — איך וועל האָבען עפּעס אַ ביים.

(ווייטערעס — מאָרגען)

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פּוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאַרווערטס" — פון ראָז שושנה

(פאָרטזעצונג)

## נישט ביי מיין לעבען!

אין דער וואוינונג, מיט פולע צימערען, מיט אַלטע מעבעל, האָט זיך געפיהלט דער גערוך פון אַלטע אַנטיקען, וועלכע זיינען נישט געברויכט געוואָרען לאַנגע יאָרען און וועלכע מען האָט נישט געטאָרט באַריהרען. די מענשען, די איינגעהער פון דער דאָזיגער הויז, זיינען געווען ענהליך צו די אַנטיקען, די אַטמאָספערע פון שימעל האָט זיך געפיהלט פון אַלעם אַרום.

בעקי לעסקי, אַ מאַסיווע אידענע, שווער און דיק ווי איהר מעבעל, האָט קיינמאָל נישט דערלויבט, אַז מען זאָל געברויכען די צימערען. שטענדיג האָט מען געגעסען אין קיך, שטענדיג איז מען געזעסען אין קיך. אַז אימיצער פלעגט טרעטען איבער'ן קאַרפּעט איז זי נאָכגעגאַנגען און נאָכגעווישט.

אין זאַל, דאָס הייסט אין ליווינג־רוּם, איז קיינמאָל דורך קיינעם נישט באַנוצט געוואָרען. טאָמער איז אַמאָל אַריינגעקומען אַ גאַסט, אַ שכנ'טע אָדער עפּעס אַ נאָהענטע קרובה, האָט מען אויפגענומען אין קיך. צו וואָס די לעסקים האָבען באַדאַרפט די אַלע צימערען האָט קיינער נישט געוואוסט.

אין ליווינג־רום איז איין וואַנט געווען פאַרנומען מיט אַ געקינסטעלטען „מענטעלפּיס", ביי וועלכען עס איז געלעגען אַ מעשענער שאַפעל, צוואַנג און שייער־אייזען, וואָס האָבען געבלאַנקט נעבען אַ פּאָר שטיקלעך געקינסטעלטע בזשאַזעווע האָלץ.

אויפ'ן „מענטעלפּיס" זיינען געשטאַנען פאָטאָגראַפיעס. איין פאָטאָגראַפיע פון אַ גרופּע סאָלדאַטען מיט אַרויפגעשטאַרצטע וואָנסעס, הויכע שטיוועלער און רוסישע בלוזען; זיי האָבען געהאַלטען שטייף די קעפּ און געוויזען, אַז אַ סאָלדאַט מוז זיין אַ יונג אַ כוואַט.

אויף דער פאָטאָגראַפיע האָט זיך טאַקע געפונען דער באַלעבאָס, דזשעיקאָב לעסקי, ווען ער האָט נאָך נישט געהייסען דזשעיקאָב לעסקי, נאָר יענקעלע מאַשעניק. דעם נאָמען האָבען איהם געגעבען זיינע חברים פון פּאָלק, ווייל ער איז געווען אַ יונג מיט ביינער, האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון אַלע שווערע אַרבייטען ביי פאַניע'ן.

ווען עס האָט אויסגעבראָכען די ערשטע וועלט־מלחמה איז ער גענומען געוואָרען אין מיליטער אַנשטאָט זיין עלטערער ברודער.

עס האָט נישט געהאָלפען ערקלערען, אַז ער איז נישט יאָסעל, נאָר יעקב. „פאַניע" האָט פון דעם גאָרנישט געוואָלט וויסען. זיי האָבען צוגענומען דעם 18־יאָהריגען יעקב'ן צום מיליטער און נאָך געבייזערט זיך, אַז דאָס איז „זשידאָווסקאַ פּראָקליאַטע שטוצקים" (אידישע פאַרשאָלטענע שפּיצלער).

אַלזאָ, יעקב איז דעמאָלט באַצייטענס אַנטלאָפען פון פאַניע'ן און געקומען קיין אַמעריקע.

דאָס איינציגע אָנדענקען פון פאַניע'ן איז בלויז די פאָטאָגראַפיע מיט די שטייפע און פיסקאַטור איינגעשמירטע, אויפגעשטעלטע וואָנסעלער.

עס איז איהם דאָ, אין אַמעריקע, זעהר שלעכט געגאַנגען. צו וואָס ער האָט זיך גענומען איז איהם געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. און אַז מען האָט איהם געזאָגט: „יענקעלע, געה אַרבייטען אין אַ שאַפּ, וואָס וועט זיין דיין תכלית?" האָט ער געענטפערט: „קיינער פון מיין משפחה איז נישט געווען קיין אַרבייטער און איך וויל נישט אַריינברענגען אַ שעטנז אין דער משפחה.

ער האָט חתונה געהאַט מיט ביילקע'ן, מיט וועלכער ער האָט זיך נאָך געקאַנט אַלס קינד און ער האָט געהאַלטען וואָרט. ער איז נישט געגאַנגען אַרבייטען. ער איז געוואָרען אַ „ביזנעסמאַן". מישטיינס געזאָגט. זיין ביזנעס איז באַשטאַנען פון געהן פּעדלען פון הויז צו הויז, מיט אַ קעסטעלע מיט קנעפּלעך, נאָדלען, בענדלעך א. אַז. וו. אָבער ער האָט געהאַט מזל, דער יענקעלע. ער איז געוואָרען אַ איד אַ גביר, אַ הויזבאַזיצער מיט צוויי וואונדערשעהנע קינדער, אַ זוהן, אייזי און אַ טאָכטער, דאַינע.

געשיקט זיי אין די טייערסטע שולען ביז די אומגליקליכע מלחמה האָט צוגענומען זיין זוהן און ער איז נישט צוריקגעקומען.

דאַינע איז קיינמאָל נישט געזעסען ביי איהרע עלטערן אין קיך. זי איז שטענדיג געווען ביי זיך אין צימער, ווייל דאָס איז געווען דאָס איינציגע ווינקעל פון גאַנצען הויז, וואָס האָט געשמעקט מיט פרישקייט, נישט מיט קיין שימעל.

זי פלעגט אָפּעסען אין קיך און גלייך אַריינלויפען צו זיך אין ליכטיגען צימער. זינט דאָס אומגליק איז געשעהן און איהר הערי איז אַוועק האָט זי בכלל זיך באַהאַלטען פון מענשען. ערשטענס, האָט זי מורא געהאַט, אַז מען זאָל דערקענען איהר צושטאַנד, צווייטענס, האָט זי גלאַט געוואָלט זיין אַליין מיט איהר טרויער.

זי האָט אַלץ געוואַרט, אַז היינט מאָרגען וועט דאָך הערי צוריקקומען. מען רעדט דאָך שוין וועגען אַ שלום אויך מיט די יאַפּאַנעזער. אָבער זי האָט געזעהן, אַז עס ווערט שפּעט. הערי קומט נישט צוריק און דער בויך וואַקסט.

ווען זי איז פאַרטיג געוואָרען מיט שמואל'ן, ווען דער רעפיודזשי האָט איינגעשטימט מיט איהר חתונה צו האָבען בלויז אויפ'ן פּאַפּיר, כדי צו פאַרדעקען איהר שאַנדע, האָט זי זיך גענומען ענערגיש רעדען מיט איהר מוטער.

דאַינע האָט געדאַרפט זיין אַ גוטער דיפּלאָמאַט, אַז זי זאָל קאָנען צונויפפירען אַזאַ פּלאָנטער.

ווען איהר מוטער האָט דערהערט, אַז זי, איהר גראָטען קינד, איז פאַרליבט אין אַ שלימזל, אין אַ רעפיודזשי, האָט זיך אָנגעהויבען אַ גיהנום אין הויז.

בעקי האָט פון גאָרנישט געוואָלט הערען, נישט געלאָזט זיך איינרעדען, אַז זי, דאַינע, איז פאַרליבט אין איהם, און ער וועט דאָך זיין איהר מאַן און נישט איהר מוטער'ס.

די מוטער האָט געשאָלטען, גע'חלש'ט און האָט פאַרענדיגט דעם געשפּרעך מיט די רייד:

— סיידען איבער מיין טויטען קערפּער וועסטו מיט איהם חתונה האָבען. נישט ביי מיין לעבען!

עס זיינען געפאַלען פראַזען: „איך וועל דיך פאַרלייקענען פאַר אַ קינד", „נישט ביי מיין לעבען", א. אַז. וו.

בעקי האָט זיך נישט געלאָזט איבעררעדען און האָט בכלל נישט געוואָלט הערען דערפון.

— ביזט פאַרליבט? וועסטו דיך אויסליבען! ביי מיר געהען נישט אַזעלכע שטיק.

ווען דאַינע האָט געסטראַשעט, אַז זי וועט מיט איהם אַוועק ווי די אויגען וועלען זי טראָגען, אַז ווען זי וועט איהם נישט האָבען וועט זי זיך דאָס לעבען נעמען, האָט איהר מאַמע געענטפערט גאַנץ קאַלט: „שעכט דיך, שיס דיך, הענג זיך, אָבער די חרפה וועסטו מיר נישט אָנטאָן!"

ווען דזשעיקאָב איז אַהיים געקומען און געהערט פון דעם אומגליק, האָט עס איהם ווי אַ דונער געטראָפען, אָבער ער איז געווען אַ איד אַ ביזנעסמאַן און ער האָט געזאָגט צו בעקי'ן, אַז דאַינע זאָל נישט הערען:

— פאַרוואָס מאַכסטו דערפון אַזאַ טראַגעדיע? אַן ערליכער בחור איז ער? דאָס קינד האָט איהם ליב. מילא, דאָס וואָס ער איז אָרעם איז נישט קיין גרויסער חסרון. דערפאַר זיינען מיר רייך. אַן אָרימער בחור וועט וויסען ווי צו שאַנעווען דאָס ווייב. אַלע אייראָפּייער באַהאַנדלען בעסער די ווייבער ווי די אַמעריקאַנער. איך וועל איהם באַלד אַריינעמען אין געשעפט און זאָלען די קינדער זיין גליקליך.

— וואָס? — איז בעקי אַרויס מיט איהר מענה־לשון — ביזט שוין פאַרטיג, שוין? ! דאָס טאַטעלע איז נישט בעסער פון טעכטערל. האָסט מיר דעם איינציגען זוהן אויך אַוועקגענומען און איצט ווילסטו ביי מיר אויך צונעמען מיין טאָכטער? מיינע ביידע אויגען אין קאָפּ. אַוודאי, דיך אַרט עפּעס? ער טראַכט שוין, ער וועט האָבען אַ הילף ביי דער אַרבייט. אַזוי אַרבייטסטו זיך, חלילה, איבער, פּוסט און פּאַסניק?

דאַינע איז אַריינגעקומען און געמאַכט אַ סוף צו דער קריגעריי צווישען פאָטער און מוטער.

— מאַמע, זאָלסט וויסען, אַז איך בין שוין אין פינפטען חודש. איך טראָג אונטער מיין האַרץ שמואל'ס קינד. איך מוז שוין חתונה האָבען!

— אוי, אוי, מיר איז נישט גוט! מענשען, וואַסער! וואַסער! ראַטעוועט מיך! — איז בעקי געפאַלען כמעט איבער די הענט.

— די שטילע טעכטערל, דאָס נעבעכל! זי קאָן דאָך קיין צוויי נישט צעהלען. ווינד און וועה איז מיר, צו וואָס איך האָב דערלעבט. מ'וועט דאָך מיך נישט לאָזען די גאַס דורכגעהן. מען וועט דאָך טייטלען מיט די פינגער: אָט געהט דער אויסגעלאַסענער טאָכטער'ס מאַמע. אוי, אוי, אוי — האָט בעקי געבראָכען די הענט.

ווען דאַינע איז אַריין צו זיך אין צימער מיט אַ געוויין, האָט דזשעיקאָב ווידער אָנגעהויבען רעדען מיט זיין ווייב:

— מען דאַרף באַלד שטעלען אַ חופּה איידער ער קריגט חרטה. אַ פּראַגע אויף די רעפיודזשים, זיי זיינען צו אַלץ פעהיג.

אין אָט דעם אָווענט איז באַשלאָסען געוואָרען די חתונה צווישען דאַינע'ן און שמואל'ן.

(ווייטערעס — מאָרגען)

# אַן ערקלערונג וועגען אַ קעיס פון אידישען קאָורט

**צוגעשיקט צום „פאָרווערטס" פון מר. לואיס ריטשמאַן, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר פון אידישען קאָורט.**

ווערטער רעדאַקטאָר!

מיין אויפמערקזאַמקייט איז געצויגען געוואָרען אויף דער קאָורט־קעיס, באַשריבען אין דער „פרייהייט" דעם 5טען אַפּריל. איך מוז אייך זאָגען, אַז איך בין געוואָרען ערשטוינט ווען איך האָב אויף דעם אַרטיקעל דערזעהן די איבערשריפט: „דאָס בינטעל בריף האָט צעבראָכען זייער לעבען". די רעפּאָרטערקע פון דער „פרייהייט" האָט די קעיס אָדער ניט פאַרשטאַנען, אָדער זי האָט פּשוט צעדרייט די פאַקטען.

די קעיס איז וועגען אַ מאַן, וואָס האָט אויף דער עלטער צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט און זיך ניט געקענט איינלעבען מיט זיין צווייטער פרוי. ער איז עטליכע מאָל פון איר אַוועק און דערנאָך ווידער צוריקגעקומען. ביז די פרוי האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסען זיך מיט אים צו צעשיידען. דער מאַן האָט זיך אָבער מיט איר ווידער געוואָלט איבערבעטען און ער האָט זי געבראַכט אין קאָורט, אַז מען זאָל אויף איר ווירקען, אַז זי זאָל אים געבען נאָך איין „טשענס". די פרוי האָט ביים פאָרלייגען אירע טענות אויך באַמערקט, אַז דער מאַן האָט וועגען איר אויף אַ פאַרשטעלטען אופן געשריבען צום „בינטעל בריף". דער מאַן האָט דאָס ניט געלייקענט. ער האָט ערקלערט, אַז ער האָט ביים „בינטעל בריף" געזוכט אַן עצה.

שרייבען, אַז דאָס „בינטעל בריף" האָט צעבראָכען זייער לעבען איז לעכערליך און פאַלש. פאַרקערט, לויט מיין איינדרוק, באַמיהט זיך אַלעמאָל די בינטעל־בריף אָפּטיילונג אין „פאָרווערטס" צו האַלטען פאַמיליעס צוזאַמען און ניט זיי צו צערייסען.

מיט אַכטונג
לואיס ריטשמאַן.



## פּערזענליכעס און געזוכטע קרובים

אסתר זוכט שמואל בלייוויס, זוהן פון פּכאַכיע, געקומען פון מעכאַנפּאַליע, פּאָדאָליער גובערניע, געאַרבייט אין קאַמענעץ אַלס זאַגאַטאָווטשיק (קאַמאַשען־שטעפּער), אין אַמעריקע זינט 1912, געוואוינט אין מילוואָקי, וויסקאָנסין. מעלדען צו:
Mrs. Peacker, 433 Van Sicklen Ave. Brooklyn, N. Y. (11

מאיר גאָרדעצקי (איצטיגער נאָמען בוירגער), פון בערדיטשעוו, היימישער בעטשטעל־מאַכער. געוואוינט אַמאָל אין ניו יאָרק. געזוכט פון זיין ברודער אַברהם. שרייבען צו:
Abraham Gordetsky, 119 Rose St., Newark, New Jersey

דוד העכט זוכט זיין קוזינע, פון דער היים מלכה מאָשקאָוויטש, וועלכע איז געקומען מיט איבער 20 יאָהר צוריק קיין ניו יאָרק. איהר פאָטער האָט געהייסען שיע הענעך, מוטער — יוטע. געוואוינט פּאַלודניאָוואַ 90, לאָדוש, פּוילען. אינפאָרמאַציע ווענדען:
VICTOR RUNDBAKEN
2104 Bronx Park E., Bronx 60, N. Y.
נאָך 7 אָווענט זיך טעלעפאָנירען צו:
TA 2-1433 (10

יאָסעל סאָלאָמאָן, פון דאַווידעניאַ, בוקאָווינע, ווערט געזוכט פון ביילע ברומבערגער, פון וויען.
Belle Brumberger, Hascheloach 19, Haifa, Israel (10

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

• פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

זיי זיינען ביידע אריין אין קיך. די אלטע מיסעס פינקעלשטיין האט גענומען פארשטעלען דעם טיש מיט עסענווארג. קעז און סמעטענע, און פוטער און לאקס. אלץ, וואס זי האט נאר געפונען אין אייז־באקס. זי האט געמאכט א פיינקוכען. און באלד האט זיך שוין איבער דער קיך צעטראגען דער געשמאקער ריח פון פרישער קאווע.

לארי האט גענומען עסען און די מאמע האט זיך אוועקגעזעצט אנטקעגען אים. געקוקט מיט ליכטיגע, מאמעשע אויגען אויף דעם טייערען זוהן אירען. די ליבע שטריכען פון זיין פנים. „עס איז פון אים א תל געווארען" — האט זי מיט א פארדריקט הארץ גענעבען א טראכט. זי האט געזעהן ווי אינכיטען עסען האט ער זיך פארטראכט.

— ווי פיהלסטו איצט, לארי? — האט זי אים געוואלט ארויסרופען אויף א שמועס.

— א, איך פיהל אלראיט. — האט ער א זאג געטאן מיט א נעמאכטען, גרינגען טאן. נאר די מאמע האט געזעהן אז ער איז ניט אלראיט. זיין ענערגישער פנים איז איצט אויסגעבליכט, און עס איז ניטא אין אים די פרעהליכקייט פון פריהער, ווען ער פלעגט אן עפען טאן די טיר, אריינפאלען אין שטוב מיט א הילכיגען — „העלאו, מא!"

— ווילסט טרינקען קאווע, אדער געבען דיר אפשר אן אנדער זאך?

— וואס דו וועסט געבען, וועט זיין גוט, מא.

—איך וועל דיר אפשר אנווארימען א גלאז מילך, — זי האט ניט ווילענדיג א שמייכעל געטאן. — איך ווייס, מען זאגט דאך, אז קאפע מאכט א מענשען נערוועז.

לארי האט א קוק געטאן אויף זיין מאמען און אויך ניט ווילענדיג א לאך געטאן:

— ווער האט דאס דיר געזאגט, מא, אז קאפע מאכט א מענשען נערוועז?

— איך ווייס דען? — זיי שרייבען דאך היינט אין די פעיפערס, — האט זי זיך פארענטפערט פאר איר זוהן — אלץ וועגען געזונט, שרייבען זיי היינט.

— און דו מיינסט, אז איך בין קראנק? בין שטארק ווי אן אייזען, מא.

— ווער זאגט דען, אז דו ביזט חלילה ניט געזונט. זאל דער אויבערשטער אויסהיטען.

זי האט זיך אויפגעהויבען. צוגעגאנגען צו דעם קיך־אויווען, און זיך דארט געפארעט א ווייל. איהר זוהן, איר ליבעלע, דער גראטעטנסטער פון אלע אירע קינדער, איר שטאלץ און איר האפענונג. ער איז איצט אין א צרה. ווי אזוי זאל זי אים טרייסטען? א טרער האט זיך ארויסגעקייקעלט ביי איר פון אויג. זי האט עס ניט אפגעווישט, נאר געלאזען עס פאלען אויף דער ערד.

אז זי איז צוריק צוגעגאנגען צום טיש, האט לארי איר געזעהן אזא ווי זי איז, א צעוועהטאגטע, א טיף־פיהלענדע, א מאמע. יעדער קנייטש פון איר פנים, פון די אויגען, פון די צונויפגעפרעסטע ליפען. אלץ האט דערצעהלט פון איר אנגסט וועגען אים, איר זוהן. ער איז געווען שטארק גערירט און געמוזט איר אפען זאגען:

— מא, דו נעמסט זיך צופיל צום הארצען, וואס איך האב דיר דערצעהלט וועגען מיר און עלינאר'ן. — ער האט געפרואווט רעדען מיט א בראווען טאן, ווי צו ווייזען זיין מאמען אז ער האט ניט פארלארען דעם קאפ. זי האט זיך אנגערופען:

— געה שוין געה, קינד, ווער נעמט זיך צום הארצען? — זי האט אויך גערעדט מיט א מוטיגען טאן, — איך ווייס וואויל אז דו קענסט שוין דיין שטעטעל באשטעהן.

לארי'ן איז איצט גוט געווען צו הערען זיין מאמען אזוי רעדען, איר געוואוינהייט צו מאכען אים ער זאל ניט זיין ביי זיך געפאלען, צו אויפהויבען אים הויך, און אריינגעבען אים מוט. אזוי האט זי אלע אירע יארען געטאן. ביידע האבען א לאנגע צייט געשוויגען. לארי האט פאררויכערט א פרישען פאפיראס און די מאמע האט זיך כלומר'שט פארטאן ארום סינק מיט די געפעס. לארי האט איר נאכגעקוקט ווי זי שפאנט פון טיש צום סינק, א ברייטע, א קרעפטיגע, מיט אירע פלינקע באוועגונגען; די אדערען פון אירע אויסגעארבייטע הענט, ווי ווארצלען פון אן אלטען בוים. ער האט געקוקט אויף איר און איר באוואונדערט.

די מאמע האט טוענדיג איר ארבייט אלץ געבראכען דעם קאפ: וואס איז פארגעקומען צווישען אים און עלינאר'ען? זי וועט דערוויייל איר זוהן גארניט פאנאנדערפרעגען. צו־פריש איז נאך די וואונד. זי זעהט דאס אן זיין פנים, דעם צער. ווייזט אויס, זיי האבען ניט געקענט אויסקומען צווישען זיך. זי האט זיך דערמאנט ווי דעמאלט, ווען לארי איז מיט עלינאר'ן געקומען צו איר אין שטוב מיט א וויזיט, האט זי שוין געהאט ספקות. א הארץ איז א זייגער. זי האט דעמאלט געזעהן, אז עפעס איז ניט גלאט צווישען איר און לארי'ן, און זי האט אויסגערעכענט, אז עלינאר איז אפשר צו־„פענסי" פאר לארי'ן. זי בלאזט פון זיך, און האלט זיך פון דערווייטען...

אין דער משפחה איז אויך קיינער ניט געווען שטארק באגייסטערט פאר עלינאר'ען. מען האט לארי'ן גארניט געזאגט. קיינער קען אים ניט זאגען קיין דעות. און אז לארי איז דעמאלט אריין אויף א ווייל אין קיך און געוואלט וויסען דער מאמע'ס מיינונג וועגען עלינאר'ען, האט די מאמע אים גארניט געקענט זאגען, נאר אירע אויגען האבען אזוי ווי צו אים גערעדט:

— „באדענק זיך גוט, מיין זוהן, אז דו זאלסט דערנאך, חלילה, קיין חרטה ניט האבען", נאר לארי האט דעמאלט איר בליק ניט פארשטאנען, אדער ניט געוואלט פארשטעהן...

— וואס האב איך געוואלט זאגען, לארי... — האט די מאמע ווידער זיך צוגעזעצט צום טיש. זי האט געפרואווט נאך אמאל אים ארויסרופען אויף א שמועס.

— יעס, מאמע, האט לארי זיך א כאפ געטאן ווי פון שלאף.

— איך האב דיר נאר געוואלט זאגען, אז איך האב עפעס געפיהלט, אז צווישען דיר און עלינאר'ען איז ניט ווי עס באדארף צו זיין. דעמאלט, דא אין שטוב, ווען דו ביסט געקומען מיט איר, געדענקסט?

— וואס רעדסטו, מא, ווי אזוי האסטו דאס געקענט פארשטעהן? — האט לארי זיך געוואונדערט. — וואס האסטו דען באמערקט? וואס איז דעמאלט פארגעקומען צווישען אונז?

— איך ווייס ניט, מיין זוהן, — האט זי געפרואווט ארויסזאגען אירע ספקות, — נאר עס איז מיר אויסגעקומען מאדנע עפעס. די מיידעל, די עלינאר, זי האט זיך געהאלטען דעם גאנצען אוונט ווי א פרעמדע דא ביי אונז. אפנים עס שטעהט איר ניט אן.

— ניין, עס איז ניט דאס, מא. דו מאכסט א גרויסען טעות, — האט לארי אנגעהויבען — עס איז גאר עפעס אנדערש. ער האט זיך אפגעשטעלט אין מיטען רייד, א טראכט געטאן, אז אלץ קען מען זאגען אויף עלינאר'ען, נאר ניט דאס, אז זי בלאזט פון זיך, און אז עס שטעהט איר ניט אן דער שידוך.

ער האט אנגעהויבען ארומשפאנען איבער'ן שטוב. ווי קען ער ערקלערען זיין מאמען די אמת'ע אורזאך פון דעם לעצטען קריג, וואס ער האט מיט עלינאר'ען געהאט, אז פאר אים אליין איז די זאך ניט גענוג קלאר. ער קען ניט ריידען מיט זיין מאמען וועגען עלינאר'ס חסרונות, זי וועט דאס ניט פארשטעהן. א ווייל האבען זיי ביידע געשוויגען.

—איין זאך קען איך דיר נאר זאגען מיין זוהן, — האט זי צום סוף זיך אפגערופען.

— יעס, איך הער, מא, — האט ער זיך אפגעשטעלט אנטקעגען איר.

— איך זאג אזוי: אויב עלינאר איז ניט דיין ריכטיגע באשערטע, דארף מען דאנקען גאט וואס דו האסט זיך באצייטענס ארומגעזעהן. עס איז גלייכער מען זאל זיך צעגעהן איידער מען האט געפראוועט די חתונה, איידער עס איז צו־שפעט.

לארי האט א פארוואונדערטער אנגעקוקט זיין מאמען און געשוויגען שטיל.

— עס איז דא ביי אונז א גוטער ווארט, — האט זי נאך צוגעגעבען, אנקוקענדיג שארף איר זוהן: — „עס איז בעסער דער ערשטער רוגז איידער דער אנדרער".

— יעס, איך פארשטעה וואס דו מיינסט, מא, — האט לארי איר אויף דעם געענטפערט

לארי האט אויסגערויכערט דעם לעצטען פאפיראס און ער האט זיך גענומען קלייבען צו פארען אהיים, צוריק צו זיין ארבייט. די מאמע האט נאך געפרואווט אים א ווייל פארהאלטען:

— דו ווילסט גארניט ווארטען אויף דיין טאטען — האט זי אים געזאגט, — נאך אין א ווייל ארום וועט ער שוין פארמאכען די סטאר און קומען אהיים.

(פארטזעצונג — מארגען)

# ווי אזוי מען מאכט די שטאלענע טעפ און עלעקטרישע הויז־ארטיקלען

(שלוס פון פעזידזש 2)

פאטער, אברהם פארבער, איז געווען א איד א למדן און שמעון וועלוועל האט געקראגען א פרום־אידישע ערציהונג און ער איז געווען א קענער אין די שווארצע פינטעלאך. נאך זיין בר־מצווה איז ער אוועק אויף „קאנגרעסיעס", דאס הייסט, ער איז געווען א לעהרער אין די היימען פון רייכע ישוב'ניקעס. אבער ער האט זיך באלד ארומגעזעהן, אז ס'איז ניט קיין תכלית פאר אים. איז ער אוועק זוכען אן אנדער פרנסה. א שטיקעל צייט האט ער געארבייט אלס אויפזעהער ביי בוי־ארבייטען. ער האט געהאט די אויפזיכט איבער דאס בויען פון „מאנאפאליעס" (רעגירונגס־פלעצער וואו מען פארקויפט שנאפס). דערנאך האט ער געקראגען א שטעלע ביי אן אלמנה פון א קופערשמיט, וואס פלעגט מאכען קופערנע טעפ און פענדלאך. שמעון וועלוועל האט זיך דארט אויסגעלערענט די מלאכה פון מאכען קופערנע טעפ און בלעכענע כלים. ער פלעגט אויך דארפען פארקויפען די פראדוקטען. פלעגט ער ארומפארען איבער די שטעטלאך אין דער ליטא אויף א פערד און וואגען און אפהאלטען „סעילס".

„מיין טאטע, עליו השלום, האט אימערצו געהאלטען פון אדווערטאיזען זיינע ווארעס", האט מר. פארבער באמערקט.

און ער האט מיר דערצעהלט, אז ווען זיין טאטע פלעגט קומען אין א שטעטעל פלעגט ער אויסקלעפען צעטלאך אין די פאלישעס פון די שוהלען און בתי מדרשים, אז ער האט צו פארקויפען כלים בזיל הזול (העכסט ביליג). ער פלעגט אויך אונטערשטופען א פאר גילדען צו די שמשים, אז זיי זאלען לאזען וויסען די באלעבאטים אין די שוהלען וועגען זיין אנקומען און וואו ער שטעהט איין, און שיקען קונדען צו אים.

„מיין טאטע פלעגט מיר דערצעהלען, אז דאס פלעגט אים אריינברענגען א סך, א סך ביזנעס".

ווען שמעון וועלוועל איז אונטערגעוואקסען און ער האט זיך גענארפט שטעלען צום פריזיוו, האט ער ניט געהאט קיין חשק צו „דינען פאניען", דאס הייסט, געהן אין צאר'ס ארמיי, האט ער באשלאסען צו פארען קיין אמעריקע. זיין פאטער איז געווען געגען דעם. רבי אברהם פארבער האט, ווי פילע אנדערע פרומע עלטערן פון יענע יארען, זיך געשראקען, אז זיין זוהן וועט זיך „פארגעסען אן אידישקייט" אין דער ווייטער „זינדיגער" אמעריקע.

שמעון וועלוועל פארבער האט אבער איבערגערעדט דעם פאטער, אנווייזענדיג אים, אז ווען ער וועט געהן אויף מיליטער־דינסט וועט ער אויך ניט קענען אפהיטען אידישקייט ווי עס באדארף צו זיין. ער האט אים געגעבען א תקיעת־כף, אז ער וועט אפהיטען אידישקייט אין אמעריקע ווי ווייט ער וועט קענען.

„און ער האט געהאלטען ווארט אויך", האט מיר מר. פארבער דערצעהלט. „ניט בלויז ער אליין, נאר ער האט אונז, זיינע קינדער, אויך ערצויגען אין אידישען גייסט. מיר אלע ריידען אידיש, זיינען אידיש־געשטימט און היטען אפ אידישקייט".

מיט יארען שפעטער, ווען סאימאן וו. פארבער האט זיך שוין איינגעבירגערט און ארויפגעארבייט זיך אין אמעריקע, האט ער געהאלפען זיין פרומען טאטען ערפילען זיין לעבענס־טרוים — באזעצען זיך אין ארץ ישראל. אברהם פארבער האט אין 1925 זיך באזעצט אין דער קאלאניע פתח תקוה, וואו ער האט אויסגעלעבט זיינע יארען אין א רוהיגער עלטער. ווען שמעון וועלוועל וואלט נים אימיגרירט קיין אמעריקע, וואלט זיין פאטער ווארשיינליך קיינמאל ניט געקענט פארווירקליכען זיין טרוים פון אויסלעבען די אלטע יארען און שטארבען אין ארץ ישראל.

מר. פארבער איז געקומען קיין אמעריקע צו זיינעם אן אנקעל, פיליפ רעזניק, וועלכער האט געוואוינט אין הארטפארד, קאנעטיקוט. פארבער האט ניט געוואלט געהן אין א שאפ און אזוי ווי ער האט געהאט א פאר דאלאר, וואס ער האט מיטגעבראכט פון דערהיים, האט ער באשלאסען צו געהן אין ביזנעס. ער איז געווארען א פעדלער און ער האט גענומען פעדלען פון הויז צו הויז אין הארטפארד און אין די דערבייאיגע שטעטלאך. ער האט פארקויפט שוועבעלאך, שיךבענדלאך און נאך אזעלכע קלייניגקייטען.

אנשטאט ארומצושלעפען זיך צופוס מיט זיין פאק פון שטעטעל צו שטעטעל, אדער פון געגענט צו געגענט, איז פארבער'ן איינגעפאלען א געדאנק צו קויפען א באיסיקעל. מיט'ן באיסיקעל האט ער געקענט דעקען מער טעריטאריע און טאן מער ביזנעס.

קיין שעמעוודיגער בחור איז פארבער קיינמאל ניט געווען. פעדלען איז ער געוואוינט געווען נאך פון דער אלטער היים אן, וואו ער פלעגט פארקויפען די קופערנע און בלעכענע כלים. האט ער ניט מורא געהאט צו קלאפען אין טירען און ריידען מיט פרעמדע מענשען. דער פאקט, וואס ער האט ניט געקענט קיין ענגליש די ערשטע צייטען, האט אים אויך ניט אפגעשראקען און איז ניט געווען קיין אפהאלט. ער פלעגט זיך צוזאמענריידען מיט די קאסטאמערס אויף שטום־לשון — מיט די פינגער און מיט מינעם ווען ענגלישער ווערטער האבען אים אויסגעפעלט!

דערצו נאך איז ער געווען וואס מען רופט „עי נעטשורעל סעילסמען", דאס הייסט, א געבוירענער סעילסמאן. ער האט געהאט אן איינגעבוירענעם חוש, אן איינגענשאפט, וואס ווערט באצייכענט אלס „סעילסמענשיפ", דאס הייסט א קונסט צו פאראינטערעסירען א צוקונפטיגען קויפער אין פארקויפען אים ווארעס, וואס איז דער ערשטער געבאט פאר יעדען וואס האט נאר־וואס עפעס צום פארקויפען.

איידער פארבער פלעגט אנקלינגען אין טיר פלעגט ער שוין פונאנדערפאקען זיין פעקעל אזוי, אז ווי נאר די פערזאן עפענט די טיר זאל ער אדער זי גלייך באמערקען די ווארע און עס זאל פארכאפען די אויג, צוגעבען חשק דעם קויפער.

אט אזוי האט דער יונגער גרינער פארבער געפעדלט עטליכע מאנאטען איבער די שטעטלאך פון קאנעטיקוט, פארקויפט זיינע ווארעס צו די „קאנעטיקוט יענקים" — די טיפישע אמעריקאנער, די פארמערס און קליינשטעטלדיגע איינוואוינער. ער האט געוואונען ביסלעכווייז זייער צוטרויען און ער האט זיך איינגעשאפט א שטענדיגע „קלאיענטעל", דאס הייסט, שטענדיגע קאסטימערס. מ'האט אים גענומען אריינלאזען אינוועניג אין די היימען און באהאנדעלט אים גאנץ פריינדליך. ער האט געקראגען בעסערע געלעגענהייטען צו באאבאכטען וואס עס טוט זיך אין די היימען, באקענען זיך באמת בעסער מיט'ן לעבען און פירונגען, געוואוינהייטען און טבע'ס פון, די עכטע אמעריקאנער. ער האט זיך שנעל אויסגעגרינט.

איינער פון די פלעצער וואו דער יונגער פארבער פלעגט זיך אפט אפשטעלען, איז געווען אין דער שטעטעל נארוויטש, קאנעטיקוט. ווען נאר ער פלעגט זיך אפשטעלען אין יענער שטעטעל, פלעגט ער באזוכען דעם דארטיגען רב בנימין סאקס, וועלכער איז געווען דער גייסטיגער פירער, מורא הוראה, דער שוחט, בעל קריאה און חזן פאר דער דארטיגער אידישער קהילה, וואס האט געצעהלט דאן בלויז א פאר צענדליג אידישע משפחות.

איידער פארבער האט זיך ארויסגעלאזט פעדלען, צום ערשטען מאל, האט זיין פעטער פיליפ רעזניק אים פארזאגט:

„ווען דיר וועט אויסקומען צו זיין אין נארוויטש, זאלסטו דארט אריין צום דארטיגען רעווערענד בענדזשאמין סאקס. וועסט דארט קריגען כשר'ע עסענס און וועסט האבען מיט וועמען אויסצירעדען א ווארט. רבי בנימין איז א פריינדליכער מענש. ער האט שעהנע, גראטענע טעכטער. איינע פון זיי, עלא, איז די סאמע גראטענסטע. זי קען גוט אידיש און ענגליש. זי איז א לערערין און זי וועט דיך לערנען ענגליש. פאלג מיך, געה אריין צו די סאקסעס", האט דער אנקעל אים צוגערעדט, און פארבער האט אים טאקע געפאלגט.

די סאקסעס, וועלכע זיינען געווען א גאנץ היפשע משפחה — די עלטערן און אכט קינדער, פיר זיהן און פיר טעכטער — האבען אויפגענומען דעם גרינעם פעדלער גאנץ פריינטליך. מען האט אים מקרב געווען און פיין אונטערהאלטען.

סאימאן פארבער איז אבער געווען עטוואס אנטוישט, ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז די גראטענע עלא, וועגען וועלכער ער האט זיך געהאט אזויפיל אנגעהערט פון זיין אנקעל, איז ניט געווען אין דערהיים בעת זיין ערשטען באזוך אין נארוויטש. זי איז דאן געווען אין ברוקלין, וואו זי האט געארבייט ביי א קרוב אלס א בוקקיפערין.

„נו, מילא, פארפאלען" — האט דער אנטוישטער בחור געטראכט.

אבער אז ס'איז באשערט עפעס, מוז עס פאסירען.

ס'איז דא א אידישער ווערטעל, אז „פערציג טעג פאר'ן געבורט לאזט מען וויסען אין הימעל ווער מיט וועמען ס'וועט חתונה האבען מיט יארען שפעטער." ווי ס'האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, איז עס באשערט געווען די צוויי, סאימאן פארבער און עלא סאקס, צו טרעפען זיך און פארבינדען זייערע לעבענס איינער מיט'ן צווייטען. האבען זיי זיך געטראפען — אין ברוקלין! און ס'האט לאנג ניט גערויערט און ס'איז געווארען א שידוך.

אבער וועגען דעם, ווי אויך ווי אזוי סיימאן וו. פארבער האט געגרינדעט זיין „פארבערוועיר" קאמפאני וועט דערצעהלט ווערען אין נעקסטען ארטיקעל.

## וואלדבאום סופער מארקעטס אין א נייעם גרויסען ווערהויז

די וואלדבאום סופער מארקעטס, וועלכע האבען א צאל פון די גרעסטע שפייז־געשעפטען אין ברוקלין, האבען איצט איבערגענומען א נייעם און פארגרעסערטען ווערהויז, וואס וועט העלפען נאך בעסער באדינען די מאסען איינקויפער פון די דאזיגע פאפולערע מארקעטס. דער נייער ווערהויז וועט זיך געפינען אויף 2889 קאני איילענד עוועניו, ברוקלין.

וואלדבאום'ס סופער מארקעטס צייכענען זיך אוים מיט זייער מארערנעם צוגאנג צו דער שפייז־אינדוסטריע. די באדינונג אין זייערע סטארס איז שטענדיג די אײדעלסטע און פיינסטע, און די פרייזען זיינען שטענדיג אזוי נידעריג ווי נאר מעגליך. איצט, מיט דעם נייעם, פארגרעסערטען ווערהויז, וועלען די וואלדבאום סופער־מארקעטס זיכער ווערען נאך מעהר פאפולער ביי אידישע באלעבאסטעס איבער גאנץ ברוקלין. (*

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאַרטזעצונג)

— ניין, מאַ, איך מוז שוין געהן. — האט לארי א קוק געטאן אויף זיין זייגער. — עס איז שוין גוט שפעט. אן אנדערס מאל. זאג דעם פא... — —

אין אמת'ן האט לארי היינט ניט געוואלט זיך באגעגענען מיט זיין טא־טען. עס איז אים ניט געווען באקוועם. ער האט אים אנטוישט, זיין טאטען. ער האט אפגעבראכען מיט דער מיי־דעל, וואס האט שוין געזאלט זיין אינ־גיכען די חתונה, און עס וועלען אויף דאס ניי זיך אנהויבען פראגעס, וועט ער בעסער אוועקגעהן ניט זעהענדיג זיך מיט אים היינט.

— זאג דעם טאטען, אז עס פאר־דריסט מיר, נאר איך בין פארנומען. אן אנדערס מאל.

— וואס דען, איך וועל אים ניט זאגען? נאר א שאד, וואס דו קענסט ניט ווארטען.

די מאמע האט לארי'ן באגלייט צו דער טיר. א ווייל האט זי איר זוהן אנגעקוקט מיט אירע אלטע, קלוגע אויגען. עס האט זיך איר געגלוסט צו זאגען אים א ווארט פון טרייסט: — עס זיינען נאך פאראן מיידלעך אויף דער וועלט אויסער עלינאר'ען. עס איז דא א מיידעל, ליליען, טאקע פון זייער אייגענער משפחה. אזא יאר אויף מיר וואס פאר טייער מיידעל די ליליען איז, האט זי אין זיך א קלער געטאן, נאר זי איז געוועזן צו־קלוג, די מאמע לא־רי'ס, צו־געניט אין די וועגען פון לעבען, אז זי זאל מיט איר זוהן פאר־פירען איצט א רייד וועגען דעם. עס איז נאך צו־פרי. עס דארף נאך אוועק־געהן א שטיקעל צייט.

— ווען דו קענסט דאס קומען אפ־טער אהער, האט זי זיך אפגערופען, זיך געזעגענענדיג מיט איר, — אפּעסען א ריכטיגען מאלציַיט כאטש א פאר מאל אין דער וואך.

— וועגען דעם דארפסטו זיך ניט זארגען, מאַ, — האט איר לארי גע־זאגט. — זיי גיבען דארט גאנץ גוטע עסענס אין רעסטאראן.

ווען לארי איז דערנאך מיט דער סאבוועי געפארען צוריק צו זיך אהיים איז אים דאס געמיט געווען שווער און אין הארצען האט ער געפיהלט א פוסטקייט, ווי אויסגעליידיגט. עס איז אים געקומען אויפ'ן זינען זיין מא־מע'ס ווערטער:

— „בעסער דער ערשטער רוגז איי־דער דער אנדערער".

ער האט אומעטיג געשמייכעלט צו זיך אליין. יע, ער פארשטעהט גוט דעם מיין דערפון...

### קאַפּיטעל זעקס־און־צוואַנציג

די טעג, וואס זיינען געקומען נאך דעם ריס מיט לארי'ן, זיינען געווען פאר עלינאר'ען טרויעריגע טעג, פול מיט פארצווייפלונג. פאראומערט, פאר־לאזען איז זי געווען און עס האט זיך איר ניט געגלוסט צו לעבען. כסדר וואלט זי גאר געלעגען איינגעגורעט אין בעטגעוואנט און פון גארניט ווי־סען, נאר שלאפען לאנג, לאנג אהן א סוף.

שלאפען איז גוט. דעמאלט איז אלץ אוים. פארגעסען. ניט זעהן. דעמאלט פיהלט מען גארניט. און עס איז גוט. נאר קאם אויפכאפען זיך איז ערגער פון אלץ, א בייזע דערמאנונג פון איר לאגע, א מאטערניש, וואס איז ניט אויסצוהאלטען. נאר זי האט גע־מוזט אנגעהן ווייטער. אויפשטעהן, זיך באוועגען, ריידען צו מענשען, ענט־פערען פראגעס, שמייכלען און ווייזען א פרעהליכען פנים. וואס עס זאל מיט איר ניט פאסירען, האט זי גע־מוזט אלע טאג געהן אין סקול, לער־נען מיט די קינדער די גוטע, ענגלישע שפראך, פאררעכטען זייערע גרייזען. זי האט שוין דורכגעלאזען אין סקול א סך טעג. ווי לאנג קען זי אזוי טאן, זי האט ארבייט, זי האט פליכטען...

די נאכט איז זי שלעכט געשלאפען. אלערליי חלומות, ווילדע קאשמארען האבען איר געמאטערט און געשראקען. עס איז געווען א בייזע, אומרוהיגע נאכט, און אז זי האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף איז זי געווען צופרידען, וואס עס איז שוין דער סוף פון קאש־מאר. דורך די אראפגעלאזענע שטא־רען איבער איר פענסטער האט זיך שוין דורכגעזיפּט די פרימארגען־ליכט. דער טאג האט זיך געשטעלט, און אלע מענשען האבען זיך שוין גענומען ווע־קען, יעדער צו זיין ארבייט, צו זיין פליכט. עלינאר האט צוריק איינגע־גראבען איר פנים אינ'ם בעטגעוואנט. נאך א ווייל ליגען אזוי, איידער עס הויבט זיך אן... באלד האט זי דער־הערט דער מאמע'ס טריט זיך דער־נעענטערען צו איר צימער, דערהערט איר קול, ווי אלע מאל אין דער צייט האט בעלא איר טאכטער געוועקט:

— עלינאר, פארוואס שטעהסטו ניט אויף? עס איז שוין שפעט!...

— אלראיט, מאַ, באלד...—האט זי פון אונטער דער קאלדרע ארויסגע־רעדט צו איר מאמען.

אלע מאל האט בעלא ניט אפגעטרא־טען פון בעט, ביז זי האט געזעהן איר טאכטער א פאנאדערגעוועקטע, נאר היינט איז זי געווען אין כעס, בעלא, און זי האט כמעט צו איר טאכטער ניט גערעדט. נאר מיט געציילטע ווער־טער, וואס מען מוז. עס איז שוין באלד א וואך אוועק זינט עלינאר'ס וויזיט ביי לארי'ס טאטע־מאמע. עלי־נאר איז געקומען פון דארט אן איבער־געקערטע. און דער מאמען דערציילט זי פון גארניט ניט. בעלא איז בא־ליידיגט. זי איז געקרענקט. עלינאר איילט זיך ניט צו דערציילען דער מא־מען פון די טרויעריגע נייעס פון איר מיט לארי'ן. זי ציהט אלץ אפ די צייט. און בעלא האט שוין אויך מעהר ניט געפרעגט. האט זי נאר איצט אנגעגרייט פאר עלינאר'ן איר אנביי־סען: ארענדזש־זאפט, קאווע, און אליין איז זי אוועק אין גאס איינקוי־פען פאר'ן טאג עסענווארג.

עלינאר איז געווען צופרידען. אויס־מיידען דער מאמען... ניט הערען אירע פראגעס... ניט דארפען איר ענטפע־רען. זי איז געלעגען אין בעט ביז דער לעצטער מינוט. דערנאך האט זי גע־געבען א פלי־אראפ פון בעט, זיך גע־געבען א וואש אפ, א טוה אן די זא־כען. זי האט זיך א קאם געטאן די האר. געטאן אלץ אין איילעניש. א זופּ געטאן פון די ארענדזש־זאפט אין קיך, און אין א ווייל ארום האט מען איר שוין געקענט זעהן ווי זי לויפט אראפ פון די סך טרעפ צום גאס ארוים, אויפ'ן וועג צום סקול.

און אז זי קומט אין סקול האט זיך שוין דארט אנגעהויבען דאס געוויינ־ליכע, טעגליכע לעבען. די קינדער לא־זען זיך אהער פון אלע זייטען, פון אלע וועגען. די לערער זיינען שוין אויך דא. עלינאר באגריסט זיך דא מיט איינעם, דא מיט אן אנדערען, צו דעם א שמייכעל, מיט דעם א ווארט ארויסרעדען. אימיצער פרעגט ביי איר עפעס. זי ענטפערט. זי טוט אלץ, וואס עס פאדערט זיך פון איר. און אינעווייניג אין זיך פיהלט זי קאלט. דאס הארץ, די נשמה, איז ביי איר געפרוירען. נאר אויף איר זעהט זיך דאס ניט אן.

באלד איז זי שוין אין איר קלאס. די קינדער זיצען שוין אלע אויף זייערע בענקלער — פינף־און־צוואנציג אין צאל. זייערע יונגע, באלעבטע פנימ'ער קוקען צו איר ארויף. זיי האבען ליב עלינאר'ן, זייער לערערין. און איר איז גרינג צו ווירקען אויף זיי, אז זיי זא־לען זיך ניט האלטען צו ווילד און זיי זאלען איר פאלגען.

— „טיטשער" — הערט זי אימי־צען פון די שילער זיך ווענדען צו איר. און עס ווערט איר ווארים אויפ'ן האר־צען. זיי זיינען נאך אזוי יונג די קינ־דער, און זיי ווייסען נאך פון גארניט. עס איז זיי אזוי גוט. זיי זיינען לוסטיג. און זי איז זיי מקנא.

מיט אלע אירע חושים פרואווט זי זיך ארייןטאן אין איר לעקציע, זי הערט איר אייגענעם קול, ווי זי רעדט צו די קינדער וועגען עפעס א קאמפא־זיציע.

„ס'איז גוט. דו ביזט אלראיט, עלי־נאר" — איז זי צופרידען מיט זיך.

— „טיטשער!" — זי גיט זיך א צאפעל אז מען רעדט צו איר. און מיט שווערינקייטען רייסט זי אפ איר בליק פון עפעס א פונקט פון דער ווייטען, אין דער לופט...

מיטאג־צייט אין „לאנטש־רום" פון סקול. עס איז דארט רוישיג און פריי־ליך. יונגע לערער און לערערינס, אויך מיטעל־יעריגע, עלטערע... עלינאר איז מיט זיי אלעמען גוטע פריינט. מען קען זיך שוין איינע מיט די אנדערע פון יארען לערנען אין סקול. די מאנס־לייט לערער גיבען אפ צו עלינאר'ן א סך אויפמערקזאמקייט. זי איז יונג און זי איז שיין. און דאס איז גענוג אז יעדערען פון זיי זאל זיך גלוסטען צו האלטען זיך נעענטער מיט איר, ארויסריידען מיט איר א פאר ווערטער, דערציילען איר עפעס א קאמישע גע־שיכטע, וואס האט פאסירט אין זייער קלאס.

געווען דא איינע א לערערין, א מיס וואטסאן, א מיטעל־יעריגע און ניט איבעריג שיין. האט זי אלעמאל גע־קלעפט צו עלינאר'ן. אפשר איז זי אין הארצען עלינאר'ן מקנא געווען צוליב איר שיינעם אויסזען, אבער זי האט אפט פארפירט מיט איר א שמועס:

— אייערע האר, מיס ריווקין, זיי האלטען זיך אזוי גוט — האט זי איר אנגעקוקט נייגעריג — עס איז ביי אייך א פּערמאַנענט, אדער פון דער נאטור זיינען זיי געלאקט?

(ווייטערס — מארגען)

# אַ פאַרלוירענער לעמפּעל האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַן אוצר

(שלוס פון פעידזש 2)

אריבערפארען איבער'ן וויליאמסבורג בריק.

פארבער האט אויסגעשטאטעט זיין נייע פעקטארי מיט די נייעסטע און מאדערנסטע מאשינערי און ער האט געהאלטען אין איין זוכען נייע „פעטענטס" און ערפינדונגען וואס וועלען אים העלפען אויסבעסערען זיינע פראדוקטען און העלפען שניידען די קאסטען פון פראדוקציע.

ביז 1910 זיינען מעש און קופער געווען די פאפולערסטע מעטאלען פאר די ארטיקלען פון הויז־געברויך, באַ־זונדערס פאר די אין וועלכע מען פלעגט סערווירען שפייזען אדער וואס מען פלעגט באנוצען אלס צאצקעס צו פארשענערען דאס הויז.

אין 1910 אבער, איז ניקעל — בע־סער געזאגט „ניקעל־פלעיטינג"— גע־ווארען פאפולער ביים עולם. „ניקעל־פלעיטינג" הייסט דער פראצעס פון באדעקען מעש, קופער אדער אנדערע מעטאלען מיט א שיכטע פון ניקעל. „ניקעל־פלעיטינג" האט א מעלה עס ווערט ניט פארזשאווערט. אמת, מען דארף עס שייערען אפט, ווייל עס ווערט מאט, אבער עס האלט אן דעם גלאנץ לענגער ווי „סילווער־פלעיטינג" און ס'האט זיך ניט געשיילט פון היץ, ווי „סילווער־פלעיטינג".

האט סאימאן פארבער גענומען מא־כען זיינע „פארבערוועיר" פראדוקטען פון „ניקעל־פלעיטינג". אין 1910 האט ער איינגעפירט א נייעם פראדוקט וואס איז געווארען פאפולער אין די היימען. ער האט מאנופעקטשורט „ניקעל־פלעיטעד" פרעימס פאר אלער־ליי פאליווענע פאלומעשקעס און אנ־דערע געפעס. פון אט דעם „שידוך" צווישען די פאליווענע פאלומעשקעס און ניקעלנע פרעימס איז שפעטער ארויסגעקומען א נייע כלי, וואס מען רופט איצט „קעסעראל" און אין וועלכע מען קען האלטען היים שפייזען וואס ווערען צוגעטראגען צום טיש.

פארבער האט אויך מאנופעקטשורט דאן אלערליי עלעקטרישע לאמפען און אלערליי סילווער און ניקעל־פלעיטעד ארטיקלען.

אין 1919 איז פארבער'ן איינגעפא־לען אן איינפאל, וואס האט אים אריינ־געבראכט אן אוצר — ער האט גענו־מען פראדוצירען א נייעם מין לאמפ, וואס ער האט א נאמען געגעבען „ארדזשאסטאלאיט".

ס. וו. פארבער איז געווען פון יענעם מין מענשען וועלכע האבען ליב צו ערפינדען און ארבייטען אויפ'ן אויס־בעסערען ערפינדונגען. האט ער איינ־מאל געמאכט פאר זיך אן עלעקטרישען לעמפעל מיט א „קלעמפ", וואס ער האט געקענט ארומטראגען מיט זיך און צוטשעפען צום בעט אדער צום דעסק און האבען ליכט וואו נאר ער דארף עס.

— איין אווענט, ווען מיין טאטע איז געקומען אהיים, האט ער ניט גע־קענט געפינען זיין לעמפעל. די דינסט האט עס ערגעץ אוועקגעלייגט. און וויפיל מ'האט עס ניט געזוכט, האט מען עס ניט געקענט אפזוכען. איז דער טאטע געווארען אין כעס. דאס לעמפעל האט אים אויסגעפעלט, און ער האט זיך געפילט „ווי א בלינדער" — האט מיר דערציילט מר. איזידאר פארבער; — אבער אין סאמע מיטען כעס איז אים פלוצלינג איינגעפאלען א געדאנק:

אויב דער לעמפעל איז אזוי וויכ־טיג פאר מיר, קען ער דאך אויך זיין נוצליך פאר אנדערע, — טא פארוואס ניט נעמען זיך מאכען אזא לאמפ?

— יענע נאכט האט שוין מיין טאטע ניט צוגעמאכט מיט אן אויג. ער איז געלעגען און געטראכט וועגען פלענער פון מאסען־פראדוקציע פון זיין לעמ־פעל.

— אין עטליכע טעג ארום האט מיין טאטע ארויסגענומען א „פעטענט" אויפ'ן לעמפעל, וועלכען ער האט א נאמען געגעבען „ארדזשאסטאלאיט". דער נייער מין לעמפעל איז געווארען גאנץ שנעל איינער פון די פאפולער־סטע געברויך־ארטיקלען און איז פרא־דוצירט געווארען אין די מיליאנען. עס האט זיך פארקויפט איבער דער גאנצער וועלט. באזונדערס איז עס צוניץ געקומען מעכאניקער און מענ־שען וואס דארפען זיך ארומטראגען מיט א ליכט, — האט מיר פארבער דערציילט.

אין נעקסטען ארטיקעל וועט דער־ציילט ווערען וועגען דעם „גולם", דעם עלעקטרישען קאפע־טאפ וואס פארבער האט ערפונדען און וואס האט פאראורזאכט אן איבערקערעניש אין דער מעטאדע פון צוגרייטען קאפע.







# צייט־נאָטיצן

(שלוס פון עדיטאָריעל פעידזש)

וואס האט אנגעפילט זיין דעפארטמענט מיט קאמוניסטען און סאוועטישע שפיאנען.

איך גלויב דעריבער, אז עס איז גוט, וואס מעקארטי האט אריבערגעכאפט די מאס. עס וועט דינען פאר א גוטער אויפקלערונג פאר דער עפענטליכער מיינונג און עס וועט אפשר א ביסעלע אפשוואכען די היסטעריע.

* * *

איך האב געוואלט עפעס שרייבען וועגען די טעלער וואס פליען ארום אין הימעל, אבער איך ווייס ניט וואס.

איך אליין האב די טעלער ניט גע־זעהן. נאר אז עס זיינען פאראן טעלער אין הימעל ווייס איך פון מיין מאמען. איך האב עס מערערע מאל פון איר געהערט, ווען זי פלעגט דערציילען וועגען א גוט לעבען צווישען מאן און ווייב. זי פלעגט זאגען, אז ער איז אזוי גוט צו איר, אז ער וואלט איר ניט זשאלעווען דעם טעלערעל פון הי־מעל. נאר איך האב פון מיין מאמען גיט געהערט, אז עס איז א טעלערעל וואס פליט. ווייס איך דעריבער ניט.

איך קענט ביי מיר פועל'ען, אז די פליענדיגע טעלערלעך, וואס מענשען זאגען, אז זיי האבען געזעהן, זיינען אזעלכע עראפלאנען, וואס די מענשען פון מארס האבען געמאכט, כדי צור־צוקומען מיט זיי נעהענטער צו אונזער ערד און פרובירען כאפען א שמועס מיט אונז. אט וואלטען מיר דאך דא אויף דער ערד אויך האבען חשק צו מאכען אזעלכע עראפלאנען מיט וועל־כע מען זאל קענען א פלי טאן צום פלאנעט און כאפען א שמועס מיט די מארס מענשען. איך קענט אבער אויך ביי מיר פועל'ען, אז די פארוואלטונג פון אונזער אמעריקאנער קריגס־פלא־טע האט צו טאן מיט די פליענדיגע טעלער אין הימעל. און אויב איינער וועט מיר זאגען, אז ער איז זיכער, אז די פליענדע טעלער קומען פון יענער זייט סמבטיון, אדער דאס זיינען אזעל־כע מינים פויגלען, וועלכע קומען פון וואונדערלאנד, וועל איך אויך גלויבען. נישט מער, פון היינט אן וועל איך שטענדיג געהן מיט אן ארויפגעריסע־נעם קאפ צום הימעל און וועל פארשען. און אויב אן אטאמאביל וועט מיך אריבערפארען, וועט עס זיין ניט זיין שולד. נאר צוריקריידענדיג, אפשר לוינט ניט די ריזיקע, בעסער ווארטען ביז אימיצער, אן אנדערער, וועט עס אויסגעפינען.

# דער „סוד" פון מאַקס סטויער'ס ערפאָלג אַלס לאַיער

(שלוס פון עדיטאָריעל פעידזש)

פאלג אלס לאיער. אלע, מיט וועלכע אראן סטויער האט גערעדט, האבען פאקטיש אויסגעדריקט דיזעלבע מיי־נונג: אין אנהויב האבען זיי געהאט א דורכאויס פיינטליכע באציהונג צו סטויער'ן — ניט צו אים פ ע ר ז ע נ־ל י ך, נאר צו זיין קליענט. זיי האבען געפיהלט, אז ווארשיינליך איז דער קליענט „גילטי עז העל" — הונדערט פראצענט שולדיג. אויב ער איז ניט שולדיג, צו וואס האט ער אנגעשטעלט סטויער'ן? ווי געזאגט, אט־דאס איז געווען די אינטואיטיווע באציהונג פון איטליכען אין געריכט — ביים אנ־פאנג פון טראיעל. אין פארלויף פונ'ם טראיעל איז פארגעקומען — גראדענ־ווייז און שטופענווייז — א פולשטענ־דיגע ענדערונג. מ'האט גענומען קוקען אויפ'ן אנגעקלאגטען אלס — „אן אויסנאם". אמת, ניין פון יעדע צען „סטויער קליענטען" זיינען ווארשיינ־ליך שולדיג — אבער דער איצטיגער קליענט איז מסתמא דער יוצא־מן־הכלל. שפעטער זיינען די צושויער געווארען איבערצייגט — איך הערט: איבערצייגט — אז דער באטרעפענ־דער קליענט איז פולשטענדיג אומשול־דיג. און סוף־כל־סוף זיינען די צושויער — אריינגערעכענט די דזשורי־לייט — געווען אין אזא שטימונג, אז זיי וואל־טען צוריסען דעם אסיסטענט דיסט־ריקט אטוירני, אדער דעם אנדערען צד'ס לאיער, ווי א הערינג, דערפאר וואס ער האט אויסגעטראכט א בלבול אויף סטויער'ס קליענט. ביים אנהויב פון יעדען „סטויער טראיעל" זיינען אלע צושויער געווען כמעט ווי איבער־צייגט, אז דאסמאל וועט מאקס ד. סטויער זיכער פארלירען די קעיס. אבער איידער דער פראצעס איז גע־ווען צו ענדע, זיינען שוין אלע געווען טיף איבערצייגט, אז דאסמאל, ספע־ציעל דאסמאל, וועט מאקס ד. סטויער געווינען די קעיס.

אויב מאקס ד. סטויער איז געווען אן „אקטיאר" — יעדער טראיעל־לאיער איז אן אקטיאר — איז ער אבער ניט געווען קיין „אלטמאדישער" אקטיאר, קיין „מעלאדראמאטישער" אקטיאר, קיין „באמבאסטישער" אק־טיאר. ער איז ניט געווען קיין „העם־עקטאר", ווי מ'זאגט דא־הי. אויסער־ליך האט מאקס ד. סטויער ניט גע־מאכט קיין אימפאנירענדען איינדרוק. א מענש פון מיטעלען וואוקס איז ער געווען: בלויז פינף פוס מיט זעקס און א האלב אינטשעס. אין פארגלייך מיט דעם דורכשניטליכען ק ר י ס ט ל י־כ ע ן לאיער, וועלכער איז געוועהנ־ליך א „סיקס־פוטער", איז מאקס ד. סטויער געווען קליין־געוואקסיג. גע־וואויגען האט ער ארום הונדערט מיט זעכציג פונט — ניט קיין פעטער און ניט קיין מאגערער. ער איז שטענ־דיג געווען גוט־געקליידעט — אויף א קאנסערוואטיווען שטייגער. זיין קליידונג האט זיך קיינמאל ניט גע־ווארפען אין די אויגען. קיין „מעכ־טיגע" שטימע האט ער ניט געהאט. זיין קול איז ניט געווען צו־שטארק, אויך ניט צו־שוואך. מ'האט סטויער'ן געקענט הערען אין גאנצען קאורט־רום אהן שום אנשטרענגונג. ער האט ניט „געמאכט מיט די הענט". ער האט ניט גע'חנפ'עט דער דזשורי אדער דעם דזשאדזש. זיין ענגליש איז געווען אויסגעצייכענט — אהן מינדסטען אימיגראנטישען אקצענט. סטויער האט פארמאגט א רייכען ווערטער־אויסוואל — ער האט זיך אבער דערמיט ניט געצאצקעט, ניט געצויגען קיין אויפמערקזאמקייט דער־מיט. ער האט קיינמאל ניט באנוצט א ווארט אדער אן אויסדרוק, וואס איז אומבאקאנט דעם דורכשניטליכען מענשען — לאמיר זאגען, דעם מענ־שען וואס האט געענדיגט א פאבליק סקול. סטויער'ס שפראך איז געווען איידעל, דזשענטעלמעניש. ער האט זיך צו יעדען עדות — באזונדערס צו געגנערישע עדות — באצויגען מיט רעספּעקט, אבער אבסאלוט אהן שום מורא. ער איז געווען העפליך — אבער ניט צו־פריינטליך, ניט „פער דו", אזוי־צו־זאגען. פון הומאר האט ער געוויכט. קיין וויצען האט ער זיך ניט ערלויבט. קיין „שאו־אף" — קיין אויספיינער — איז מאקס ד. סטויער ניט געווען. ער האט קיינמאל ניט „אראטארעוועט". ער האט אימער אפּעלירט צום שכל — און געמאכט דעם דזשורימאן פיהלען, אז ער אפּעלירט צו זיין שכל. די גרעסטע אייגענ־שאפט וואס סטויער האט ארויסגע־צייגט אלס לאיער איז געווען — חריפות, א שארפער מוח. און א צווייטע אייגענשאפט איז געווען — א זעלטענער זכרון. סטויער'ס זכרון איז באמת געווען פענאמענאל. ער האט געקענט ציטירען אויף אויסענ־ווייניג גאנצע שטיקער „טעסטימאני" — ווארט אין ווארט. ס'איז געווען מאקס ד. סטויער'ס טאקטיק, אין די ערשטע טעג פון א לאנגען פראצעס, צו ווייזען די צושויער און צוהערער, אז אויף זיין זכרון קען מען זיך פאר־לאזען. אזוי־ארום האט ער געוואונען דעם צוטרוי פון דער דזשורי.

(נעקסטער ארטיקעל — פרייטאג)










# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

— ניין, מיס וואטסאן, ס'איז ניט קיין פוירמאנענט — האט עלינאר איר צוגעשמייכעלט.

מיס וואטסאן האט ליב געהאט פאַנאנדערפרעגען עלינאר'ן וואס פאר א „מעיקאפ" זי נוצט און וואו זי קויפט אירע קליידער, וואס זיי פאסען איר אזוי גוט. און עלינאר האט אויף אלע אירע פראגעס געענטפערט מיט א פריינטליכען שמייכעל.

און אט איז שוין די שעה פון „לאנטש" געענדיגט. ווידער איז זי מיט די קינדער, שוין אין אן אנדער קלאס... לערענט מיט זיי די גוטע, ענגלישע שפראך. אזוי פארטאן איז זי אין איר ארבייט, אז זי פיהלט ניט ווי דער טאג געהט אוועק. און אז זי דערהערט דעם „גאנג", דעם גלעקעלקלינגען, אז עס איז שוין צייט צו געהן אהיים, וואונדערט זי זיך, עלינאר: שוין? געענדיגט?

אז זי איז ארויסגעקומען פון סקול האט זי ניט געוואוסט וואו זי זאל איצט געהן. ניט אהיים. וואס וועט זי דארט טאן? עס וועט זיין א בריף צו איר פון לארי'ן? א טעלעפאן־רוף? וואס עס וועט נאר זיין, וועט ניט זיין גוט. זי האט מורא פאר דעם.

עטליכע בלאק ווייטער פון סקול האט זיך געפונען א שטאטישע ביבליאטעק. זי וועט אהין אריינגעהן. גוט. עס איז דארט היימליך און וואַרים אין ביבליאטעק. פון די אלע פאליצעס מיט ביכער, נעמט זי ארויס א בוך, וואס איז איר אריינגעפאלען אין האנט, „דאס לעבען פון די בינען". עלינאר האט עס א בלעטער געטאן, דורכגעלאפען מיט די אויגען א פאר שורות. זי האט סאַ־ווי ניט געוואוסט וואס זי לייענט. די טיר פון ביבליאטעק־צימער האט זיך אלע ווייַלע געעפענט. אלץ נייע באזוכער זיינען אריינגעקומען. יונגע מיידלער, בחורים, סטודענטען. עס איז איר מיט אמאל איינגעפאלען, אז אייב גארדאן קען נאך דא באלד אריינקומען. אייב, דער גוטער פריינט אירער, וואס די לעצטע צייט האט ער געזעהן איר אויסמיידען, און וואס אין דער שטיל האט ער איר ליב געהאט, עלינאר'ן. זי וויל אים איצט ניט זעהן. זי וועט אים דארפען אלץ דערציילען, וואס האט פאסירט מיט איר און לארי'ן. ניין, ניט איצט...

זי האט געגעבען א לייג אוועק דעם בוך וואס זי האט געהאלטען אין האנט, געגעבען זיך א ריס אוועק פון ארט, צום גאס ארויס. זי איז אפגעגאנגען א פאר טריט און איז געבליבען שטעהן. וואס דארף זי איצט טאן? וואס וועט מיט איר זיין? א פאניק איז איר באפאלען. זי האט זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטען מיט א בלאנדזשענדיגען בליק. ווען אימיצער א פארבייגעהער וואלט איר דעמאלט אזוי געזעהן, וואלט מען זיך אויף איר געוואונדערט. נאר קיינער האט זיך אויף איר ניט אומגעקוקט און יעדער איינער איז זיך געגאנגען זיין וועג. עלינאר האט זיך אויך געלאזען געהן. אפגעוואנדערט עטליכע גאסען... זי האט דערזעהן א רעסטאראן, א קאפעטעריע. זי וועט אהין אריינגעהן.

זי האט באשטעלט א גלאז קאווע, א סענדוויטש, קעז, טאמעיטאס און לעטוס.

— ס'איז גוט — האט זי זיך געזאגט.

זי איז געזעסען ביי א טישעל אין רעסטאראן, געמישט איר קאווע, פארקלערט געקייט איר סענדוויטש. עס איז שוין געווען די צייט פון סאַפער. די דרעה־טיר האט ארויסגעשטופט און אריינגעבראכט אלץ נייע מענשען. עס איז דא געווען טומלדיג און פרייליך. עס געהט פארביי איר טישעל איינער א יונגער מאן, ער טראגט א טאץ מיט עסענווארג פאר זיך. נאר זיין בליק איז געווענדט צו איר. עס איז איר גוט צו פיהלען, אז זי געפעלט מענשען פון מענערשען מין.

עלינאר איז שוין צו דעם געוואוינט. דער באדינער ביים קאונטער, דער קאסירער, יעדען פון זיי ווילט זיך איר באדינען פריער פון אנדערע באזוכער. זיי שיקען איר צו א גוטען שמייכעל. די וועלט איז פול מיט מאנסלייט, יונגע בחורים, עלטערע, מיטעל־יאריגע... אלע באמערקען איר. אין זייערע בליקען זעהט זי ווי זיי שאצען איר אפ מבינ'יש.

ווידער איז זי אין גאס. עס איז דעם יאר געווען א מילדער ווינטער. דער שניי איז אומעטום צעגאנגען און עס האבען זיך געבילדעט אהן א שיעור טייכלעך איבער די גאסען. עלינאר האט געשפאנט פארזיכטיג ניט אריינצוטרעטען אין וואסער. אירע שיכלער זיינען אפענע, פלאכע, און זי האט פארגעסען אנטאן די קאלאשען.

— דו וועסט נאך ארייננכאפען א קאלד, עלינאר. וואס איז דער מער מיט דיר?

זי שמייכעלט אומעטיג צו זיך אליין. אפשר איז דאס אלץ נאר א בייזער חלום, דער קריג אירער מיט לארי'ן און דער ריס צווישען זיי. זי וועט זיך אויפכאפען און אלץ וועט ווידער זיין גוט ווי געווען. אומגעדולדיג האט זי זיך איצט געלאזען געהן גיך איבער די גאסען, אלץ פאראויס, געלאפען אהן א ציל, אהן א זינען, ווי זי וואלט פון זיך אליין וועלען אנטלויפען. און מיט איר אינאיינעם איז נאכגעגאנגען א מין ניגון, וואס האט אזוי ווי אויסגעזונגען אין איר: „עס איז אויס, אלץ איז אויס צווישען איר און לארי'ן, אלץ איז אויס מיט איר אליין..."

עלינאר האט געטראכט, אז זי וועט איצט אריינגעהן אין א מואווי, נאר זי האט זיך געכאפט, אז זי געפינט זיך איצט ניט ווייט פון איר חבר'טע מארטהא, וואס האט חתונה געהאט און וואוינט מיט איר מאן טאקע דא אין די בראנקס. ניט טראכטענדיג פון גארניט האט זי זיך געלאזען אהין געהן. ווי אלע מאל האט מארטהא עלינאר'ן אויפגענומען מיט א סך וואַרימקייט. זי האט זיך מיט איר דערפרייט:

— איך האב טאקע היינט פון דיר געטראכט, עלינאר. דו קומסט ניט און דו רופסט ניט אפ. וואס מאכסטו, וואס מאכט לארי?

עלינאר האט ניט געקענט ענטפערען. עס האט איר געשטיקט ארום האלז. מארטהא ווייסט נאך פון גארניט. זאל זי איר אלץ דערציילען? ניט איצט. עס האט איר שוין פארדראסען וואס זי איז גאר געקומען אהער.

— דו פיהלסט עפעס ניט גוט, עלינאר? — האט איר מארטהא אריינגעקוקט אין די אויגען.

— גארניט. דאס דוכט זיך דיר אויס. איך בין נאר אביסעל מיד.

— עפעס איז דער מער מיט דיר. זאג ניט אז ניט — איז מארטהא אן אומרוהיגע צוגעשטאנען צו איר. אז מארטהא זאל גארניט פארשטיין האט עלינאר געמוזט צוגעבען:

— יע, איך האב מסתמא געקראגען א קאלד. איך פיהל טאקע עפעס ניט גוט.

— דו געהסט אהן קאלאשען און אהן א הוט — האט די געטרייע מארטהא איר אויסגע'מוסר'ט. זי האט איר אנגענומען פאר א האנט: — דיינע הענט זיינען קאלט, עלינאר. איך וועל דיר ניט לאזען געהן אהיים. איך וועל מאכען טיי. סידני, מיין מאן, וועט באלד קומען, וועלען מיר עסען סאפער.

— א, ניין, ניט היינט, מארטהא — האט עלינאר זיך געוואלט וואס גיכער ארויסדרייען פון איר פריינדין. — איך מוז שוין געהן. איך בין נאר אריין אויף א ווײַלע.

מארטהא האט איר אנגעקוקט מיט א באזארגטען פנים. זי האט עלינאר'ן ניט געקאנט פארהאלטען. זי האט זיך ניט געלאזען. פאר'ן אוועקגעהן האט זי נאר עלינאר'ן אנגעזאגט וואס זי זאל טאן, אז דער קאלד זאל אוועק.

— א הייסע גלאז טיי מיט א סך לעמאן, און אספירין פאר'ן שלאף...

— יע, מארטהא, איך וועל אזוי טאן.

— און מארגען רוף מיר אפ. איך וויל וויסען.

— גודבאי, מארטהא! — האט עלינאר זיך פון איר ארויסגעריסען. געענדיג דערנאך צו זיך אהיים האט עלינאר געפיהלט ווי עס איז איר גרינגער געווארען אויף'ן הארצען. זי האט געזעהן א לעבעדיגען מענשען, א פריינט.

עלינאר איז געווען אזא, וואס אויף איהר האבען זאכען און געשעהענישען געמאכט א פיל טיפערען איינדרוק ווי אויף א סך אנדערע מענשען. און אויב זי האט געפיהלט, אז עס איז געטאן געווארען צו איהר אן עוולה, איז דאס איהר שווער געווען צו פארטראגען. זאכען, וואס אנדערע וואלטען געהאלטען פאר קלייניגקייטען, האט זי ניט געקענט דורכלאזען און זי האט פון דעם שטארק געליטען.

זי האט געקענט שטארק ליב האבען. און דערפאר איז די איפערזוכט אין איהר אויך געווען שטארק. און דער שאטען, וואס איז איצט געפאלען אויף איהר געליבטען, אויף לארי'ן, האט איהר אין גאנצען צעטרייסעלט. עס קאן זיין, אז עס האט גארניט פאסירט אויף יענעם אווענט, ביי לארי'ס טאטע־מאמע אין שטוב. לארי און דאס מיידעל ליליען האבען צווישען זיך פארבראכט ווי צוויי אלטע באקאנטע, ווי גוטע פריינט. נאר ביי עלינאר'ן אין די אויגען איז די זאך אויסגעוואקסען צו א שרעקליכער גרויס. זי האט זיך געקענט גיך אויפרייצען, און איהר פאנטאזיע האט דעמאלט שטארק געארבייט. לארי איז א „פלירט". ער האט ליב צו פארברענגען מיט אנדערע פרויען. ער האט געהאט א געליבטע נאך פון פריהער, און איהר, עלינאר'ן, האט ער קיינמאל פון דעם ניט דערצעהלט. עס קאן זיין, אז ער און ליליען האבען זיך נאך איצט אויך ליב. פון דעם איין געדאנק האט מען געקענט ווערען פארצווייפעלט און צעמישט.

דאס וואס ער האט זיך מעהר ניט געוויזען פאר איהר, ניט אפגערופען איהר אין טעלעפאן, איז געווען פאר איהר ווי א באשטעטיגונג, אז דאס איז אזוי. אלץ איז איצט אויס. אלץ איז פארלארען. וואס וועט איצט מיט איהר זיין? איצט ערשט האט זי דערפיהלט דעם גאנצען זינען פון דאס געשעהענע. אין די ערשטע טעג נאך דעם ריס צווישען איהר און לארי'ן איז זי געווען ווי פארטויבט פון א שרעקליכען קלאפ. זי איז געווען ווי צעמישט און זי האט פון גארניט געקענט טראכטען.

(ווייטערעס מארגען)

---

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

צם זיינען אוועק נאָך טעג פון פֿי־בערדיגען ווארטען. אז זי האט פאַר־נאַכט נעענדיגט דאס לערנען אין סקול איז זי געלאָפען אהיים אהן אַ אָטעם, אפשר וועט זי דערוויסען זיך עפּעס וועגען לאַרי׳ן, אַ טעלעפאָן־רוף, אַ גרוס. זי איז מיט אימפּעט אריינ־געפאַלען אין שטוב, געזוכט אין דער מאַמע׳ס פּנים עפעס אַ צייכען, אַז אַנ־ווייז, אויב זי האט דורכ׳ן טאָג עפּעס געהערט פון איהם. נאָר אין דער מאַ־מע׳ס פּנים האט זי גאָרניט געפֿינען. בעלאַ האָט נאָך פון גאָרניט ניט גע־וואוסט, ווייל עלינאָר האט זיך ניט געאיילט צו דערצעהלען איהר מאַמען די „גוטע נייעס“. בעלאַ האָט נאָר פון זיך אליין פאַרשטאַנען, אַז דאָ גרייט זיך עפּעס אַ צרה. ער קומט ניט, לאַרי, און ער רופט ניט אָפּ.

„כ׳האָב מו״א, אַז עס האַלט שלעכט צווישען עלינאָר׳ן און לאַרי׳ן“ — האָט זי נאָר ביי זיך אַ קלער געטאָן אַן אומ־רוהיגע, נאָר ביי עלינאָר׳ן האָט זי דערוועיל גאָר ניט געפרעגט.

פאַרמאַכט ביי זיך אין צימער איז עלינאָר געזעסען מיט איהרע הענט צו־געדריקט צום שטערן, ווי זי וואָלט וועלען איינהאַלטען איהרע לויפענדיגע געדאַנקען. וואָס איז געשעהן מיט לאַרי׳ן? עס איז איהר געקומען אויפ׳ן זינען דער לעצטער אוונט דאָ ביי איהר אין שטוב, נאָך דעם וויזיט ביי לאַרי׳ס טאַטע־מאַמע, די סצענע ווי זי האָט זיך אויפגערעגט רעדענדיג מיט לאַרי׳ן. זי האָט איהם ניט געקענט זאָ־גען וואָס זי פיהלט. און ער, לאַרי, האָט ניט פאַרשטאַנען אָדער ניט געוואָלט פאַרשטעהן, אַז די אמת׳ע אורזאַכען פון איהר אויפרעגונג איז געווען די אייפערזוכט איהרע, צוליב זיין שפּיל מיט דער ליליען. וואָס האָט זי, עלי־נאָר, געקענט טאָן?

נו, גוט. האָט זי ניט געדאַרפט זיך אויפרעגען. ניט געדאַרפט זיך צו־שרייען אויף איהם. אָבער אַז מען האָט ליב מיט אַן אמת, דאַרף מען קענען פאַרגעבען. און ער, לאַרי, האָט זיך ניט געקענט דערהויבען אין אַזאַ מי־נוט. זי האָט זיך דערפיהלט ווי אָפּגע־נאַרט פון איהם. איז דאָס דער לאַרי, וואָס זי האָט איהם געשטעלט אַזוי הויך?

זי האָט געמוזט נעמען זיך עפּעס טאָן, כדי צו פאַרטרייבען דעם גרי־זשענדיגען ווענהטאָג אין איהר. זי האָט גערויכערט פּאַפּיראָסען. געשפּאַנט איבער׳ן צימער. זי איז צוגעגאַנגען צו איהר דעסק. געזוכט עפּעס דאָרט צווי־שען איהרע פּאַפּירען, איבערגעקוקט אַלערליי בריף, שריפטען. אָט איז אַ באַרג פּאַפּירענע העפטען, וואָס זי האָט מיטגענומען פון סקול. קינדער קאָמ־פּאָזיציעס, וואָס זי דאַרף איבערקוקען, אנשרייבען „מאַרקס“ (אויסצייכענונ־גען). זי האָט געקוקט מיט שטאַרע אויגען אויפ׳ן העפט פּאַפּיר, געבלע־טערט, געמישט. ווי קען ער זיצען דאָרט רוהיג, לאַרי, ניט געבען איהר צו וויסען וועגען זיך, ניט לאָזען פון זיך הערען. צי ווייסט ער ניט ווי זי ליידט?

וואָס וועט איצט מיט איהר זיין? וואו וועט זי זיך אהינטאָן? די שטוב איז צו ענג געווען פאַר איהר. דער מאַמע׳ס באַאומרוהיגטע און פרעגענ־דיגע בליקען איז איהר שווער געווען צו פאַרטראָגען.

נאָך טעג זיינען אוועק און ווארטען. זי האט זיך אויסגעקוקט די אויגען אויפ׳ן בריף־טרעגער. יעדער קלונג מיט׳ן טיר־גלעקעל האָט איר געמאַכט אויפציטערען. אַלע אירע חושים, אַלע אברים אירע זיינען אנגעשטרענגט גע־ווען מיט דעם ווארטען. „ער וועט נאָך איר אָפּרופען, לאַרי. זי וועט לאָזען די מאַמע אירע צוגעהן צום טעלע־פאָן און זי אליין וועט אים ניט ענט־פערען, נאָר צו האָבען די באַפרידי־גונג אַז ער האָט געוואָלט רעדען צו איר, אַז ער האָט געוואָלט פון איר וויסען, און אַז זי אליין איז שטאַרק גענוג ניט צו ענטפערען אים...

אין יענע טעג האָט עלינאָר׳ן גוט גע־דינט איר אַלטע געוואוינטשאַפט צום לייענען, ביכער און זשורנאַלען אַלער־ליי. וואָס עס איז איר נאָר געקומען אונטער דער האַנט. זי האָט זיך איינ־געקויפט דעמאָלט בערג גאַנצע מיט זשורנאַלען, „טרו סטאָרים“, זשורנאַ־לען מיט געשיכטעס פון די „סטאַרס“ אין האָליוואָאוד. און די גאַנצע פרייע צייט אירע איז זי געזעסען ביי זיך אין צימער פאַרטאָן אין לייענען. דאָס זיינען געווען וואונדערליכע געשיכ־טעס, אויסגעטראַכטע שטיקער לעבען, וואָס האָבען פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע. יונגע בחורים און מיידלעך זיינען דאָרט אריינגעפּלאָנטערט געווען אין אַ נעץ פון שווערע סיטואַציעס, קאָמפּ־ליצירטע געשעענישען. הערצער זיי־נען צעבראָכען געוואָרען. נאָר וויפיל די העלדען האָבען ניט געליטען, ווי שלעכט עס זאָלען זיך ניט קייטלען די פּאַסירונגען, האָט זיך יעדעס מאָל אויסגעלאָזען גוט. דער סוף איז אַלע מאָל געווען אַ גליקליכער.

עלינאָר פלעגט זיך אַזוי פאַרלייע־נען ביז שפּעט אין דער נאַכט, זיצענ־דיג איינגעגורעט אין אַ ווינקעל פון איר סאָפקעלע. זי איז פון דעם געווען ווי אין שיכרות. זי פלעגט ענדיגען איין „מעגעזין“, פלעגט זי באַלד אויס־ציען די האַנט פאַר אַן אַנדער מעגעזין מיט נייע, וואונדערליכע געשיכטעס, און ווידער נעמען שלינגען די שורות. אין מיטען פון דעם אַלץ פלעגט זי זיך אַמאָל פאַרטראַכטען וועגען איר איי־גענעם לעבען, וואָס קייטעלט זיך אַזוי שלעכט. מיט איר וועט אויך אַזוי זיין, מיט איר און מיט לאַרי׳ן. אַלץ וועט מוזען זיך אויסלאָזען גוט. אויף אַ ווײַלע לאָזט זי לויפען איר פאַנטאַזיע. ער וועט נאָך קומען צוריק צו איר, לאַרי. ער בענקט אויך נאָך איר אַזוי ווי זי בענקט נאָך אים.

אָט זעהט זי אים ווי ער שלייכט אריין שטילערהייט צו איר אין צי־מער. ער זעצט זיך אַוועק לעבען איר. ער איז אויסגעבלייכט און פאַרטרוי־ערט און אויף זיין פּנים איז אָנגעשרי־בען הרטה. עלינאָר האָט פאַרפּאַסט איצט אַ שמועס צווישען זיי: לאַרי בעט ביי איר אַנטשולדיגונג. זי, עלי־נאָר, וויל אים ניט פאַרוואָרפען גאָר־ניט, ניט אויסריידען אים פאַר זיין שלעכטער און בייזער האַנדלונג אַנט־קעגען איר.

— אַלץ וועט פון איצט אָן זיין גוט, עלינאָר — הערט זי זיין צערטליכע שטימע — אַלץ וועט צווישען אונז זיין ווי געווען. מיר וועלען זיך מער ניט קריגען.

— און די ליליען? יענע, די בלאָנ־דע... — רופט זי זיך אָפּ, עלינאָר.

ער פאַרמאַכט איר דעם מויל מיט אַ קוש. דערנאָך ענטפערט ער איר אָפּ.

— ליליען? אָט די נאַרישע קאַץ, מיט דעם ליאַלקע פּנים, ווי קענסטו זיך פאַרגלייכען צו איר, עלינאָר? עס וואונדערט מיר שטאַרק אויף דיר.

ווי זיצען אַזוי ארומגענומען אַ לאַנ־גע צייט. ענדליך הויבט ער זיך אויף, לאַרי. ער זעגענט זיך מיט איר ווי אַלע מאָל, אריינגעמענדיג איר פּנים אין זיינע ביידע הענט:

— „גוד נאַו גאָ טו סליפּ, עלינאָר“ (גיי שוין שלאָפען).

אַ לאַנגע צייט בלייבט זי אַזוי זיצען ווי אין אַ טשאַד. איר פּנים איז אויפ־געשיינט פון די וואונדערליכע עראַי־נערונגען, און די פאַרשטעלונגען פון איר פאַנטאַזיע ווערען איבערגעמישט מיט דער ווירקליכקייט, אַזוי ביז דער שלאָף קומט ביסלעכווייז איבער איר און פאַרוויגט איר אינגאַנצען.

עלינאָר האָט ניט געטראַכט וואָס זי טוט. ווען זי איז איינמאָל אין אַ פאַר־נאַכט, גייענדיג פון סקול, ניט אוועק צו זיך אהיים, נאָר זי האָט זיך געלאָ־זען גיין צום סאַבוועי מיט דעם גע־דאַנק צו פאָרען „דאַון טאַון“. עס איז געווען ווי זי וואָלט געדאַרפט באַגע־גענען לאַרי׳ן און עסען מיט אים צו־זאַמען סאַפּער אין דעם רעסטאָראַן וואָס איז ניט ווייט פון שפּיטאָל וואו ער אַרבייט, אַזוי ווי זיי פלעגען דאָס פריער אַ סך מאָל טאָן. אין האַרצען האָט עלינאָר׳ן שטאַרק געקלאַפּט. זי וועט אריינקומען אין יענעם, זעלבען רעסטאָראַן, זי וועט אפשר באַלד דער־זעהן דאָרט לאַרי׳ן.

ביי יענער צייט האָט אַ חרטה גע־געסען איר דאָס האַרץ. אפשר איז דאָ לאַרי גאָרניט שולדיג. לאַרי וועט איר ניט נאַרען. שוין צום וויפילטען מאָל האָט זי דערמאָלט צו זיך אַלייז טענות געהאַט. פאַרוואָס האָט זי גע־מוזט זיך אַזוי אויפּכאַפּען אין יענעם לעצטען אוונט ביי איר אין שטוב? פאַרוואָס האָט זי ניט געקענט זיך איינהאַלטען און ריידען רוהיג, ביז ער אַליין וואָלט איר אפשר אַלץ דער־ציילט? לאַרי איז דוכט זיך ניט גע־ווען דער מענש צו טאָן זאַכען באַ־האַלטענערהייט. זיין וואָרט איז אַלע־מאָל געווען פעסט און וואַגיג. זי האָט אַזוי געגלויבט אין אים. זיי האָבען זיך דאָך ליב געהאַט. עס קען ניט זיין ער זאָל מיט אַמאָל זיך אַזוי בייטען.

עלינאָר׳ס געפיהל צו לאַרי׳ן איז געווען מער ווי ליבע. ס׳איז געווען די געזיכערטקייט, וואָס זי האָט דורך אים דערפיהלט. מיט אים האָבען אַלע פּראָבלעמען איר אויסגעזען גרינג. ער האָט אַזוי ווי געוואוסט אַן ענטפער אויף אַלע פראַגעס. זינט זי האָט לאַ־רי׳ן דערקענט האָט איר גאַנצער ביז־איצטיגער לעבען זיך געביטען. זי האָט גע׳חלומ׳ט ווי לאַרי וועט איר אַוועק־נעמען פון איר היים, דאָ וואו זי האָט אַזוי פיל שווערע טעג דורכגעלעבט.

זי איז איצט געפאָרען מיט האָפע־נונג צו באַגעגענען לאַרי׳ן. אפשר וועלען זיי קענען האָבען צווישען זיך אַ שמועס? אַ האָפנונג האָט נאָך גע־טליעט אין האַרצען ביי איר, אַז ניט אַלץ איז שוין פאַרלאָרען. זיין פאַר־עקשנ׳טער שווייגען און ניט וועלען איר זעהן מיינט נאָך ניט אַז אַלץ איז שוין אויס צווישען זיי.

אָבער וואָס מער די סאַבוועי האָט זיך דערנענטערט צו דאַון־טאַון, צו דעם געגענט וואו זי האָט געזאָלט לאַ־רי׳ן באַגעגענען, אַלץ מער איז זי אומ־רואיג געוואָרען. אין האַרצען האָט איר שטאַרק געקלאַפּט. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז זי זעהט לאַרי׳ן אַ אַנגעכמורעטען, אַן ערנסטען. ער וועט זיך ניט דערפרייען מיט איר, ווי אַלע מאָל. נאָר ער וועט זיין שטרענג מיט איר. ער וועט מאָנען פון איר חשבון פאַר איר האַנדלונג דעם לעצטען אוונט.

ניין, זי וועט זיך ניט מאַכען בי־ליג.. ווייזען אים אַז זי, די ערשטע, גיט זיך אונטער... אַז זי בעט זיך ביי אים זיי זאָלען גוט מאַכען דעם ריס. אויף דער סטאַנציע פון דער צוויי־און־פערציגסטער גאַס איז עלינאָר אַרויס־געשטיגען אויף דער פּלאַטפאָרמע צו נעמען די סאַבוועי און פאָרען צוריק אין די בראָנקס. ניין, זי וועט זיך ניט ביליג מאַכען פאַר לאַרי׳ן. דאָס וואָלט געהייסען, אַז זי איז טאַקע שולדיג און ניט ער.

ווען זי איז געפאָרען אהיים, האָבען זיך אָנגעהויבען די „ראש אורס“. די סאַבוועי־קאַרס האָבען זיך געגומען אָנ־פילען אויף יעדער סטאַנציע. דער עולם האָט זיך געשטופּט פון אַלע זיי־טען, געוואָרפען ווי צעשטורעמטע כוואַליעס אין ים. אין געדרענג האָט זיך צעשפּיליעט איר מאַנטעל. דער שאַל אַרום האַלז איז פאַרפאָרען אַן אַ זייט. זי איז געשטאַנען צונויפגע־דריקט און עס איז איר שווער געווען צו אָטעמען... און אין מיטען פון דעם מענשליכען רעש האָט זי זיך געפיהלט איינזאַם און פאַרלאָזען.

די סאַבוועי האָט געיאָגט דורך די טונקעלע טונעלען גרילצענדיג און פייפענדיג, און ביי עלינאָר׳ן אין קאָפּ האָבען זיך גערדרייט חושכ׳דיגע געדאַנ־קען. ער האָט איר קיינמאָל ניט ליב געהאַט מיט אַן אמת, לאַרי... אַז ניט, וואָלט ער אַנטקעגען איר אַזוי ניט גע־האַנדעלט... ניט אָפּרופען איר... ניט וועלען פון איר וויסען. און די פריער־דיגע פאַרצווייפלונג האָט זיך אומגע־קערט צו איר צוריק.

(ווייטערס — מאָרגן)

## קאָנצערט פאַר ישיבת מאה שערים

דער ציוֹן דוב בער תוספה־פאָנד, פון 95 פּולאַסקי סט., ברוקלין, וועלכער טוט אַרבייט פאַר ישיבת מאה שערים אין ירושלים, אַראַנזשירט אַ קאָנצערט מיט באַוואוסטען פּיאַניסט מר. לעאָן לייבאָוויץ, אין טאַונס האָל, 240 וועסט 44טע סט., ניו יאָרק, זונטאָג אוונט, 16טען אַפּריל, פאַר׳ן בענע־פיט פון דער מאה שערים ישיבה אין ירושלים.

דער פּיאַניסט מר. לעאָן לייבאָוויץ גיט דעם קאָנצערט לכבוד זיין מוטער, מרס. אסתר לייבאָוויץ, די פּרעזידענ־טין פון דער סאָסייעטי, צו איר צו־ריקקומען פון ירושלים, ברענגענדיג הילף פאַר ישיבת מאה שערים.

צו דעם קאָנצערט ווערט ערוואַר־טעט אַ גרויסער עולם. טיקעטס צו באַקומען אין אָפּיס פון דער סאָסייעטי און אין טאַונס האָל.









## דער קאַמף געגען די קאָמוניסטען צווישען אידישע סאָשעל וואָרקערס

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

קערס יוניאָן, האָט זיך די דאָזיגע קערפּערשאַפט סאַי־ווי געפונען אין אַ צושטאַנד פון ירידה. די יוניאָן, וועלכע האָט מיט דער צייט געקענט האָבען אַ מיטגלידערשאַפט וועניגסטענס אַ מי־ליאָן, האָט אין דער אמת׳ן געהאַט אַ נישטיגע צאָל. זי האָט סאַי־ווי גע־האַלטען אין איין איינדאַרען, און ווען די סי־איי־אָ האָט אַרויפגעשאָטען די לעצטע לאָפּעטע ערד אויף דעם מת, האָט דער לאָקאַל, ווי מען זאָגט, געהאַט ניט מער ווי 13 טויזענט מיט־גלידער. געטומעלט האָט ער אָבער ווי ער וואָלט געהאַט מיליאָנען הינטער זיך...

די נייע סי־איי־אָ יוניאָן וואָס טראָגט, ווי געזאָגט, דעם נאָמען: „קאַמיוניטי ענד סאָשעל אידזשענסי עמפּלאָאיס יוניאָן לאָקאַל 1707“, איז אַ פולבלוטיגע, בויענדע און וואַקסענדע קערפּערשאַפט. זי שליסט כמעט יעדען טאָג נייע אַגרימענטס, קריגט־צו נייע מיטגלידער און שפּרייט־אויס איר איינפלוס צווישען די סאָשעל סוירוויס אַנגעשטעלטע.

די קאָמוניסטען וואָס זיינען אַקטיוו אין דער אָפּאָזיציע אָרגאַניזאַציע, קריי־צען מיט די ציין און קענען ניט אַרונטערשלינגען די מפּלה וואָס זיי לעבען דורך.

עס ווערט איבערגעגעבען, אַז לאָ־קאַל 1707 פון דער סי. איי. אָ. סאָשעל וואָרקערס יוניאָן פירט איצט אַן פאַר־האַנדלונגען וועגען אַן אַגרימענט מיט דער ניו יאָרקער און נאַציאָנאַלער אָפּ־טיילונג פון דעם יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל, הדסה, נעשאַנאַל קאָנפערענץ אָוו דזשואיש וויִמען, אַמעריקען דזשואיש קאָמיטי, אָרט, פעדערעישאַן עמפּלאָי־מענט סוירוויס. עס ווערט אויך גלייכצייטיג געמעלדעט, אַז מיט דעם אַמעריקען זאַיאָניסט קאָונסיל האָט לאָקאַל 1707 שוין געשלאָסען אַן אַגרי־מענט.

די אויסזיכטען צו שליסען אַן ענד־גילטיגען אַגרימענט מיט די דאָזיגע אויבענדערמאַנטע קערפּערשאַפטען זיי־נען זעהר גוטע. מיר וועלען שרייבען מער אויספירליך וועגען דעם אין די קומענדע אַרטיקלען.

אין אונזער קומענדען אַרטיקעל וועלען מיר איבערגעבען איינצעלהייטען, אין וועלכע אידישע אָרגאַניזאַציעס די קאָמוניסטען האָבען אַריינגעשטעקט אַ פוס, און פון וועלכע זיי ווערען איצט אַרויסגעטריבען. מיר וועלען אויך אָנווייזען פאַרוואָס די קאָמו־ניסטען האָבען גראָד אויסגעקליבען די אידישע סאָשעל וואָרקערס צו פאַרשפּרייטען זייער אַגיטאַציע. מיר וועלען אויך שילדערן אַ דורכשניט־ליכען טיפּ פון אַ סאָשעל וואָרקער און ווי אַזוי די קאָמוניסטען האָבען אים יאָרען־לאַנג „באַאַרבייט“.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

**קאפיטעל זיבען און צוואנציג**

בעלא, די מאמע עלינאר'ס, האט גוט געזעהן ווי איר טאכטער ליידט, און איר, דער מאמען, זאגט זי גאר־ניט אויס. בעלא איז ארומגעגאנגען און זיך גערעגט. וויפיל איז דער שיעור צו שווייגען? עלינאר איז פארשלאסען אין זיך. כאטש ווער צו־פלאצט קען מען פון איר ניט ארויס־קריגען קיין ווארט. זי איז צו איר ניט צוגעשטאנען, נאר געווארט ביז ביי עלינאר'ן וועט איבערגיין די „משוגעת" און זי וועט דער מאמען אלץ אליין דערציילען. בעלא האט אפילו ניט געקענט זיין אין כעס אויף איר טאכטער. זי האט דאך געזעהן אז עס האלט שלעכט. שוין מער ווי א וואך איז אוועק און פון לארי'ן הערט מען ניט און מען זעהט ניט.

בעלא איז ניט געווען פון די מאמעס וואס קריכען די קינדער אין די אויגען. פארלאפען זיי דעם וועג. איר הארץ איז געווען פארהארטעוועט דורך איר אייגענעם שווערען לעבען. איז זי איצט געווען בייז און באליידיגט אויף איר טאכטער. עלינאר האט מיט א מאדנער עקשנות איצט אויסגעמידען דער מאמען, און דערפאר איז זי באלד אנטלאפען פון שטוב לערנען אין סקול און פארנאכט פלעגט זי זעלטען זיין צום סאפער. זי פלעגט קומען אהיים שפעט ביינאכט. גערעדט האבען זיי צווישען זיך נאר געציילטע ווערטער. איין מאל נאר, אין א פארנאכט, אז בעלא האט געזעהן ווי עלינאר טוט זיך אן דעם מאנטעל אוועקצוגיין, האט זי ביי איר א פרעג געטאן:

— דו גייסט אוועק אויף לאנג, עלי־נאר?

— ניין, פארוואס פרעגסטו? — האט זי זיך א כאפ געטאן.

— גארניט. טאמער וועט זיין א טעלעפאן צו דיר...

— איך ערווארט ניט פון קיינעם קיין טעלעפאן — האט עלינאר אפגע־האקט געענטפערט.

— אלרייט — האט בעלא ארויס־גערעדט מיט א זיפץ, וואס איר טאכ־טער האלט זיך אזוי אפגעפרעמדט פון איר און טראגט זיך ארום מיט סודות.

עס קאן זיין, אז עלינאר וואלט שוין אליין געוואלט דערנעענטערען זיך צו איר מאמען, איצט, ווען איר איז גע־ווען אזוי שלעכט... צוטוליען זיך צו איר... זיך גוט אויסוויינען פאר איר. נאר צופיל איז שוין אין איר געווען איינגעגעסען די געוואוינהייט פון דאר־פען זיך כסדר שטעלען אנטקעגען איר מאמען. ניט לאזען זיך פון איר דאמי־נירען, ווייל בעלא האט דאס געהאט אין איר נאטור, צו וועלען הערשען איבער אירע אייגענע. אזוי האט זי זיך געפירט מיט איר מאן, עלי־נאר'ס טאטע, ווען ער איז נאך גע־ווען אין דער היים און אזוי האט זי געוואלט זיך פירען מיט איר טאכטער. נאר עלינאר האט פון איר פריער יו־גענט אן געקעמפט אנטקעגען דעם, ניט געלאזען זיך פירען פון איר מא־מען. איצט איז שוין דאס געווארען א טייל פון איר נאטור — צו וועלען אויפהאלטען איר זעלבסטשטענדיגקייט און אז זי זאל קענען טאן זאכען ווי איר אליין געפעלט.

דאס האט געמאכט, אז עלינאר זאל זיך פיהלען אביסעל אפגעפרעמדט פון איר מאמען. פאר אירע אויגען איז נאך אלץ געשטאנען דאס בילד פון איר פריער יוגענט, דאס צוריסענע לעבען ביי איר אין דער היים, די שטענדיגע קריגערייען פון אירע טאטע־מאמע, וואס האט געבראכט צו דעם, אז דער טאטע זאל אוועק פון דער היים. ביי איר אין הארצען האט עלינאר געהאל־טען מער מיט איר טאטען ווי מיט איר מאמען... שטענדיג געווען אויף זיין זייט, אפילו איצט, ווען ער איז געווען ווייט פון איר און זיי האבען ניט אפט זיך געזעהן.

מער ווי אלע מאל האט איצט עלי־נאר געבענקט נאך איר טאטען. ווען ער וואלט דא איצט געווען מיט איר. איר טאטע האט עפעס פון אלע מאל געהאט מער צוטריט צו איר הארצען. צו זיצען ביי אים אויפ'ן שויס, אנ־שפארען דעם קאפ אויף זיין אקסעל און ער זאל גלעטען אירע האר... מיט ווייכינקע ווערטער וואלט ער צו איר גערעדט, נאר אין זיין קול, אין דעם ווייכען בליק פון זיינע אויגען, וואלט זי געפונען א טרייסט...

אזוי גייען אוועק נאך טעג. בעלא, א צוערגערטע, איז פארטאן מיט איר ארבייט. אלע אינדערפרי לויפט זי אין גאס איינקויפען עסענוואורג פאר'ן טאג. זי גרייט צו דעם סאפער נאך אין דער פרי. דערנאך דארף זי הא־בען אין זינען אירע קאסטימער, צו־פארען „דאון טאון" ווען עס איז נויטיג.

עס איז פארנאכט. עלינאר איז שוין געקומען פון סקול. בעלא האט שוין געגרייט צום טיש. עלינאר איז אריינגעקומען אין קיך.

— וואס האסטו היינט פאר סא־פער, מא?

— איך האב געמאכט קאטלעטען און א גוטען בארשטש — זאגט בעלא, ווי וועלענדיג איר טאכטער צוגעבען חשק אז זי זאל עסען. איצט זיצען זיי ביידע ביים טיש. עלינאר עסט ווי איבערגעוואלט. זי רירט נאר אן מיט דעם גאפעל דאס פלייש, פארזוכט א לעפעל פון דעם רויטען בארשטש. בעלא רעגט זיך ווען זי נעמט אוועק דעם טעלער מיט דעם עסען פון טיש.

— אז עסען איז דאס? ברענגט נאר אין ניוועץ. כ'וועל דאס ווארפען אלץ ארויסווארפען...

— וואס ווילסטו פון מיר, מא? איך עס וויפיל איך וויל! — איז שוין עלינאר אויך געווארען אין כעס. די מינוט, וואס מאמע און טאכטער זיי־נען אין קיך, ווערט אן אנגעשטרענג־טע. ביידע מיידען זיך אויס קוקען איינע די אנדערע אין די אויגען. עלי־נאר וויל שוין זיך אויפהויבען און אריינגעהן צו זיך אין צימער, נאר זי האט מורא פאר איר איינזאמקייט. ווען זי קען צופאלען צו איר מאמען, זיך גוט אויסוויינען פאר איר... בעלא שטעהט ביים סינק, מיט דער פלייצע צו איר טאכטער. זי איז באליידיגט. זי איז בייז אויף עלינאר'ן. און א פיינליכע שטיל־שווייגעניש שפרייט זיך אויס צווישען זיי. עלינאר קען שוין דאס מער ניט פארטראגען:

— וואס שווייגסטו, מא. וואס ביזטו אין כעס! — גיט זיך ביי איר א ריס ארויס א געשריי, אז זי דער־שרעקט זיך אזש פאר איר אייגענעם קול.

— איך שווייג? אזוי גאר? — גיט זיך בעלא א קער צו איר טאכטער, מיט ביטערקייט אין איר שטימע און מיט פארוואורף אין אירע אויגען.

— מא! — האט עלינאר אנגעהוי־בען מיט א מין אייזערנער קאלטקייט אין איר שטימע. — איך דארף דיר עפעס דערציילען. זאלסט ניט זיין אי־בערראשט...

בעלא האט זיך אפגעקערט פון סינק און אנגעקוקט איר טאכטער מיט צו־שראקענע אויגען.

— איך האב געהאט א קריג מיט לארי'ן — האט זי איר מאמען געמעל־דען.

— ניין! — האט בעלא געגעבען א געשריי ארויס ווי ניט מיט איר קול.

— יעס, מאדהער, מיר זיינען צו־קריגט, מיר זעהען זיך שוין מער ניט.

אוודאי האט בעלא שוין לאנג גע־פיהלט, אז עפעס שלעכטס האט פא־סירט צווישען איר טאכטער און לא־רי'ן. נאר עס האט זיך נאך איר אלץ ניט געגלויבט, אז דאס קען געשען.

— איך האף אז דאס איז ניט ערנסט ביי אייך — האט זי שארף אנגעקוקט עלינאר'ן.

— ניין, ס'איז ערנסט, מא. איך האב מורא, אז אלץ איז שוין אויס צווישען אונז.

ניט אזוי די רייד, נאר דער טאן עלינאר'ס האט געמאכט אז בעלא זאל דערפיהלען דעם אמת פון דער לאגע. זי האט פארבראכען מיט די הענט, זיך אנגעכאפט פאר'ן קאפ פון צופיל אויפ־רעגונג. וואס פאר א נייע צרה איז דאס אויף איר. וואס האט זי דא אויפגעטאן, עלינאר. זי איז געווען זיכער ביי זיך, אז עלינאר איז דא די שולדיגע. זי האט דאך גוט געקענט איר טאכטער'ס נאטור צו אויפרעגע'ן זיך פון אלץ און ניט קענען זיך אין צייט באהערשען.

— עלינאר, זאג. וואס האסטו דא אפגעטאן, דו פארשטייסט כאטש?

(ווייטערס מארגען)

# דער פעטער פון אַמעריקע

(שלוס פון פעידוש 2)

האט פארנומען טריט. מ'האט אנגע־קלאפט אין דער טיר.

— קאם־אין! אנטרעי! פראשען!

— האט סעם וועגנראווער גערופען אויף דריי שפראכען.

אנשטאט א באדינערין, איז גע־שטאנען אויף דער שוועל משה קארטש. סעם וועגנראווער האט אים אפגעמאס־טען א פארווירטער. ער איז געווען אהן א רעקעל, אין א העמד אהן א קראגען, אין ברייטע שלייקעס און אין שטעק־שיך אויף די בארוועסע פיס. ער איז געווען נישט ראזירט און דאס פנים האט אויסגעוויזען דאר, גע־קנייטשט, חושכ'דיג. ער האט געקוקט פאר זיך א קווענקעלדיגער, א נישט־דערוויסטער, מיט א שמייכעל אין די געלבליכע אויגען, וואס איז סעם וועג־נראווער'ן נישט געפעלען.

— מיסטער וועגנראווער, איר האט פיליכט א מינוט צייט?

— פאר אייך—אלעמאל.

— איר מיינט, פאר מיין ווייב — האט משה קארטש געזאגט גוטמוטיג, נאר מיט א טאן פון חוזק. סעם. וועג־נראווער האט זיך אנגעשפיצט.

— וואס איז דער מער?

— גארנישט איז דער מער. כ'וויל אייך בלויז זאגען, אז כ'ווייס אלץ — האט משה קארטש גערעדט געלאסען, מיט א הייזעריגלעך קול, און דער נא־גענדיגער שמייכעל איז מיט אמאל פארוואנדעלט געווארען אין א טריב־טרויעריגען בליק. ס'איז נישט געווען אין זיין טאן קיין שום כעס. סעם וועג־נראווער איז געבליבען שטעהן א פארשטומטער. ער האט נישט גע־וואוסט וואס צו ענטפערן. ער איז געווען דערשטוינט פון דער אייגענער רוהיגקייט.

— וואס ווייסט איר? מאכט איך נישט נאריש!...

— כ'מאך מיך נישט נאריש — האט משה קארטש געענטפערט. — איר האט צעבראכען מיין לעבען... כ'קען מער מיט איר נישט בלייבען צוזאמען...

און ער האט זיך אומגעקוקט אי־בער דער שטוב זייטיג, מיט דער פרעמדליכער היימישקייט פון א שכן, וואס קומט אריין אויף א קורצוויילי־גען באזוך און פארגלייכט אין דער ווייל יענעמס וואוינונג מיט זיין איי־גענער.

סעם וועגנראווער האט געעפענט דאס מויל עפעס צו זאגען, נאר דער טעלעפאן האט ווידער געקלונגען.

— ווער איז דאס, הא?

— הער וועגנראווער? דאס בין איך, דוד רשב"ם. איך בין פון איזש־ביצע.

— פון איזשביצע, הא? אהא, איך ווייס שוין.

— מיר'ן זיך נעכטען געטראפען ביי דער פריילין קליינמינץ. היינט איז פארגעקומען א מיספארשטענדניש. וואס האט, אזוי צו זאגען, צעשטערט מיין גאנצען פלאן. איך האב געהאפט צו באקומען פון איר די נויטיגע הוצאות פאר דער עליה. איך בין ליי־דער אומפארמעגליך און טויזענט זלאטעס זיינען אין אונזערע היגע בא־דינגונגען א באדייטענדע סומע. וועל־כעס — —

דא האט די שטים אין טעלעפאן זיך אפגעהאקט. סעם וועגנראווער האט צוגעדריקט דאס טרייבעל צום אויער. ווי אלעמאל בעת ער איז אויפ־גערעגט, האט אים גענומען גרי־מען אין איינגעווייד. דער בויך איז געווארען אנגעבלאזען. דער גאז האט אים געשפארט צום האלז. עמיץ האט אנגעקלאפט אין דער טיר.

— פראשען! — האט סעם וועג־נראווער געשריגען.

ביי דער טיר איז געשטאנען א שיקסל אין א ווייס שירצל, מיט א געקראכמאלעטען טשעפיק איבער די בלאנדע האר. אלץ אין דער שיקסע איז געווען שפיציג: די נאז, דער קין, דער בליק. סעם וועגנראווער האט אוועקגעלייגט דאס טרייבל אויפ'ן טיש.

— ס'איז נישטא קיין הייס וואסער. כ'האב געוואלט נעמען א וואנע.

— יאק טא? ס'קאן נישט זיין. וועט דער גנעדיגער פאן מיר ערלוי־בען צו געבען א קוק?

— פראשען.

די שיקסע איז אריין אין באד־צי־מער. ס'האט זיך דערהערט פון דארט א ריזלעניש, א גיסעניש. סעם וועג־נראווער האט ווידער אויפגעהויבען דאס טרייבעל. ווי אויסטערליש, נאר דער איזשביצער בחור האט ווייטער גערעדט. סעם וועגנראווער האט גע־הערט ווי ער זאגט:

— אין זעקס וואכען וועט דער סער־טיפיקאט אויסגעהן, און דער פאלעס־טינע־אמט וועט אים דעריבער אוועק־געבען אן אנדערען אפליקאנט. די גאנצע טרחה וועט זיין ארויסגעוואר־פען. מיין פראגע־בויגען איז געלעגען איבער צוויי יאהר. איך האב זיך אפ־געזאגט פון מיין לעהרער־שטעלע אין איזשביצע, און זיי האבען שוין דארט א ממלא מקום. ס'וואלט מיר אויסגע־קומען צו זוכען א פאסטען אין אן אנדער שטעטל. א חוץ דעם, וועט מען באלד רופען מיין יאהר, און כ'וועל דארפען געהן אויף אכצעהן חדשים אין מיליטער, און איר ווייסט, הער וועגנראווער, ווי אזוי מ'באהאנדעלט אידען אין די פוילישע קאזארמעס —

— מיין ליבער יונגערמאן, איך האב איצט נישט קא' מינוט צייט. רופט מיך אן אנדער מאל.

— ווען? פאר מיר איז דאס א לעבענס־פראגע.

— וואס ווילט איר פון מיר? איך בין נישט שולדיג, אז איר חתן האט באקומען קאלטע פיס...

— צו וועמען זאל איך זיך ווענ־דען? איך האב דא אין ווארשע נישט קיין שום קרוב, און דאס געזעלשאפט־ליכע לעבען דא איז עגאאיסטיש. אלץ איז דא געבויט אויף פראטעק־ציע. ספעציעל האט מען נישט קיין שום באציהונג צו דער פראווינץ, כאטש ווען די רעדנער קומען צו אונז אין די שטעטלעך, באהויפטען זיי, אז מיר זיינען דער רוקענביין פון אידי־שען פאלק און אז מיר טראגען אויף אונזערע אקסלען די — —

— מיין ליבער יונגערמאן, רופט מיך מארגען צעהן אזייגער אינדער־פריה. כ'על טאן פאר אייך וואס כ'על קאנען. גוד באי!...

און סעם וועגנראווער האט אויפגע־האנגען דאס טרייבעל. די שיקסע איז ארויס פון באד־צימער.

— פראשען פאנא, ס'איז דא הייס וואסער. מ'דארף בלויז לאזען א ביי־סעל לויפען — —

— טהענקיו. דזשענקוייען!...

— ביזי, הא? — האט משה קארטש זיך אנגערופען נאכדעם ווי די באדי־נערין איז ארויס.

סעם וועגנראווער האט אים אנגע־קוקט שטום מיט די גרויסע שווארצע אויגען. ער האט געהאט א פארלאנג אים אנצונעמען ביים אקסעל און אים ארויסצושליידערען, מיט א שטויס אין רוקען פאר א צולאג. אבער ער האט זיך באהערשט. נאר נישט אפטאן עפעס אין אייליעניש! — האט ער זיך געווארענט און געדאנק. — אזוינע יאלדען קאנען זיין געפערליך... ער האט געטאן א שלוקעכץ. אן אומבא־טעם'ט וואסער איז אים אנגעקומען אין מויל. ער האט געכאפט א בליק אויף דעם בינטל בעז, וואס איז אין דער איינער נאכט געווארן פארוועלקט, ברוינליך, קריש'לדיג, מיט גערונצעל־טע בלעטער. אויפ'ן נאכט־טישל איז נאך געלעגען א רעשטל פון דעם קיכל, וואס די כרם. קארטש האט אים גע־בראכט. ער האט עס גענומען און אראפגעשלונגען, ווי אזוי ארום זיך צוצוגעבען כוח איינצו'טעהנ'ן מיט דעם שמויגער...

(ווייטערס — קומענדען שבת)

# פינף יאהר טרומאַן

(שלוס פון פעידוש 4)

פאר דער גאנצער דעמאקראטישער וועלט.

* * *

דאס זיינען אלץ טרומאנ'ס דער־גרייכונגען פאר די פינף יאר אויף דעם אינטערנאציאנאלען געביט. זיינע דער־גרייכונגען האט ער טיילווייז צו פאר־דאנקען אויך דער הילף פון די מעהר ליבעראלע רעפובליקאנער, וואס האבען ביז איצט אויך געשטיצט זיין אויס־לענדישע פאליטיק, ניט געקוקט אויף דער געגנערשאפט פון די פארביסענע איסאלעישאניסטען.

דערפאר איז אים פאר די אלע יא־רען פיל שווערער אנגעקומען זיין קאמף פאר דער ליבעראלער פראגראם פון זיין „פעיר דיל". דארטען האט ער נאכ־אנאנד באגעגענט א ביטערען ווידער־שטאנד פון די קאנסערוואטיווע רע־פובליקאנער; און ניט אלע מאל איז אים געלונגען צו געווינען זיינע קאמ־פען אין דעם קאנגרעס, וואו ער האט ניט, צום באדויערן, קיין פעסטע ליבע־ראלע מערהייט, וואס זאל אים שטי־צען. דארטען קומט אים אויס אפט צו לייען פון צייט צו צייט דורכפא־לען און צו געהן אויף אומגעוואונשטע קאמפראמיסען.

זיין קאמף געגען דעם טעפט־הארטלי געזעץ און זיין קאמף פאר זיין פרא־גראם פון „בירגערליכע רעכט" קענען דא דינען אלס פאסיגע ביישפילען פון דעם שווערען וועג, וואס טרומאן האט דורכגעמאכט אין קאנגרעס פאר די לעצטע יארען.

אבער דערפאר האט די גרויסע מער־הייט פון דעם אמעריקאנער עולם קלאר באוויזען, אז זי שאצט אפ ווי געהע־ריג זיין שווערען קאמף און אז זי שטייט דורכאויס מיט אים. דאס האט זיך ארויסגעוויזן אויף זעהר א דייט־ליכען און איינדרוקספולען אופן ביי די לעצטע פרעזידענט־וואלען, ווען ער איז ערוועהלט געווארען אלס פרעזי־דענט צו דער גרויסער איבערראשונג און אנטוישונג פון זיינע פארביטערטע און פארביסענע פאליטישע געגנער. די וואלען האבען באוויזען, אז די ברייטע אמעריקאנער פאלקס־מאסען אנער־קענען טרומאנ'ס גוטע אויפטואונגען, וואס ער האט דורכגעפירט, וואו ס'איז נאר מעגליך געווען, און אויך זיינע מוטיגע פארזוכען אנצוגעהן ווייטער מיט ליבעראלע רעפארמעס.

עס וואלט געווען אן איבערטרייבונג צו זאגען, אז טרומאן האט פאר די אלע פינף יאר גארניט געמאכט קיין טעות'ן. אבער עס וואלט ניט געווען, דוכט זיך, קיין שום איבערטרייבונג צו זאגען, אז טרומאן האט א דאנק זיין גראדען שכל, זיין פראקטישקייט און ערליכקייט גאנץ ריכטיג אפגע־שאצט די לאגע נאך דער מלחמה סיי דא, אין אמעריקע, סיי אין דער ארו־מיגער וועלט, און אז ער האט אויף א גאנץ פעסטען און אויפריכטיגען שטיי־גער באשיצט די אינטערעסען פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע און אויך פון דער אלוועלטליכער דעמאקראטיע.

אין די לעצטע פינף יאר זיינען גע־ווען זעהר שווערע און אפילו קריטישע מאמענטען אין דער וועלט־פאליטיק; און ס'איז גארניט לייכט געווען פאר א פירער פון דער גרעסטער דעמא־קראטיע אויף דער־וועלט צו באגעגענען די אלע מאמענטען. אבער טרומאן האט פרובירט די גאנצע צייט צו טאן דאס בעסטע, וואס ער האט געקענט, צו פארמיידען און צו באזייטיגען די אלע קריזיסען.

מיר שטעהען איצט אלע פאר א שווערער און קריטישער צייט, איבער וועלכער עס שוועבט די גרוזליכע גע־פאר פון דער נייער „האידראדזשען־באמבע" און אפשר פון א נייער וועלט־מלחמה; און מיר האפען, אז טרומאן וועט זיך דערהויבען צו דער נויטיגער הויך, וואס פאדערט זיך איצט פון א פירער פון א גרויסען דעמאקראטישען לאנד אין דעם איצטיגען שווערען קאמף פאר פרידען.

פאר די לעצטע פינף יאר האט טרו־מאן געוואונען דעם צוטרוי פון דעם אמעריקאנער עולם און פון דער ארומי־גער דעמאקראטישער וועלט.

לאמיר האפען, אז ער וועט זיין ביז איצטיגען רעקארד נאך פארבעסערען מיט ווייטערדיגער פראגרעסיווער אר־בייט צו גונסטען פון אמעריקע און פון דער גאנצער דעמאקראטישער וועלט.

# דער טרייעל פון מאַרקוס און סינגער — מאַקס סטויער'ס טריאומף אלס לאַיער

(שלוס פון פעידוש 3)

קענטאיל באנק. צאלענדיג גוואלדיג־הויכע פרייזען פאר די שערס, איז דער יו. עס. באנק געלונגען איינצוהאנדלען א דריטעל פון אלע שערס פון סטענלי מיטשעל'ס באנק.

א קאנפערענץ איז דאן אפגעהאל־טען געווארען צווישען די הויפט־פארוואלטער פון יו. עס. באנק און די הויפט פארוואלטער פון סענטראל מוירקענטאיל באנק. „בוירני" מאר־קוס האט פארגעשלאגען א „מייר־דזשער" — פארשמעלצונג — פון די צוויי באנקען. סטענלי מיטשעל'ס באנק האט געהאט זעקס בראנטשעס און דעפאזיטס פון ארום 50 מיליאן. וויכטיגער ווי אלץ, אירע דירעקטארען זיינען געווען וואזשנע לייט: הערמאן מעץ, עקס־קאנטראלער פון ניו יארק; פרענק הערדלי, פון אינטערבארא רע־פיד טרענזיט, און נאך אזעלכע בכבוד'יגע מענשען. ס'רוב דירעק־טארען האבען ניט געוואלט הערען און וויסען פון דעם „מוירדזשער" פלאן. דער פרעזידענט — סטענלי מיטשעל — האט יע איינגעשטימט צום „מייר־דזשער". מיט דעם האט ער גע'פועל'ט ביי די אנדערע דירעקטארען איינצו־געהן אויפ'ן פלאן. דער „מוירדזשער" איז דורכגעפירט געווארען. די פרא־מינענטסטע דירעקטארען פון דער סטענלי מיטשעל באנק זיינען דערנאך געווארען יו. עס. באנק דירעקטארען. פאר העלפען דורכפירען דעם „מייר־דזשער" האט סטענלי מיטשעל באקו־מען 177,500 דאלאר — און אויך א 60־טויזענט דאלארדיגע שטעלע אין דער „אידישער באנק". אט דערפאר האט סטענלי מיטשעל שפעטער ניט רעזיגנירט פון מארקוס־און־סינגער באנק, כאטש ער איז געווען דורכאויס אומצופרידען מיט מארקוס־און־סינ־גער'ס פירונגען און האנדלונגען. ער האט טאקע פראטעסטירט, ארגומענ־טירט — אבער איינשטעלען אין קאן זיין 60־טויזענט־דאלארדיגען דזשאב האט ער ניט געוואלט.

איצט לאמיר צוריקגעהן צו דער ער־שטער פראגע: אין וואס איז באשטא־נען דער חטא פון בערנארד ק. מארקוס און סאול סינגער?

ערשטענס: „אווער־עקספענשאן". זיי האבען „גע'מוירדזש'עוועט" באנקען אויף וואס די וועלט שטעהט. צום ביישפיל: כדי אהייינצוקריגען סטענלי מיטשעל'ס באנק — מיט די אנגעזעה־נע קריסטליכע דירעקטארען — האבען זיי געצאלט פאר די שערס דריי מאל מער ווי זיי זיינען ווערט געווען. א צווייטער ביישפיל: כדי איבערצונעמען די מיוניסיפעל באנק פון ברוקלין, וואס האט געהאט צוואנציג בראנטשעס, אריינגערעכענט אפילו א וואל סטריט בראנטש, האבען זיי באצאלט פינף מאל מער, ווי די שערס זיינען ווערט געווען. די אנדערע — קלענערע — „מוירדזשערס", וואס זיי האבען דורכ־געפירט, זיינען געווען פון אן ענליכען כאראקטער. דער וואוקס פון דער יו. עס. באנק איז געווען אן אומנאטיר־ליכער. אין איינע פאר יאר איז די באשיידענע יו. עס. באנק געווארען א באנק מיט 57 בראנטשעס, מיט א קנא־גען האלבען מיליאן דעפאזיטארס, פון וועלכע איבער 300 טויזענט זיינען געווען „טהריפט" דעפאזיטארס.

צווייטענס: מארקוס און סינגער האבען ארגאניזירט אהן־א־שיער „אפי־ליעיטס", קארפארעישאנדלעך, אין די צענדליגע, וואס האבען אנטליהען געלט פון באנק און יו. עס. און מיט'ן דאזיגען געלט געמאכט אלערליי ספעקולאציעס. די יו. עס. באנק — דורך אירע „אפיליעיטס" — האט געקויפט און פארקויפט די שערס פון דער יו. עס. באנק גופא. אויף א קינסטליכען אופן האבען די דאזיגע „אפיליעיטס" אויפגעהאלטען דעם גוואלדיג־הויכען פרייז פון די יו. עס. באנק־שערס. די צוואנציג ספעציעלע „ריעל עסטעיט אפיליעיטס" האבען אנטליהען וואס־סערע 30־25 מיליאן דאלאר פון יו. עס. באנק און עס אריינגעבראכט אין פארשיידענע העכסט־ספעקולאטיווע ריעל עסטעיט אונטערנעמונגען. כדי צו ווייזען — אויף די ביכער — אז די פארשיידענע „אפיליעיטס" מאכען פראפיטען, האט מען גענומען ביי איי־נעם און געגעבען דעם אנדערען. מען האט, מיט אנדערע ווערטער, גענומען פון איין קעשענע און אריינגעלעגט אין דער צווייטער, אום די וועלט זאל מיי־נען, אז מען מאכט פראפיטען, בעת אין דער אמת'ען האט מען צוגעלעגט שטיקער געלט. מיט איין ווארט, די פארוואלטער פון באנק — בערנארד ק. מארקוס און סאול סינגער — האבען פארטאכלעוועט די געלטער פון זייערע הונדערטער טויזענטער דעפאזיטארס.

אם ענדע האבען מארקוס און סינגער געפרואווט „ראטעווען די לאגע" — ס'איז געווען זעהר א פארצווייפעלטע לאגע — דורך א נייעם „מוירדזשער", דורך א פארשמעלצונג מיט א גרויסער קריסטליכער וואל סטריט באנק. דער פלאן איז, נאטירליך, דורכגעפאלען. ס'האט דאך געמוזט דורכפאלען. צענדליגע מיליאנען דאלאר זיינען פאר־טאכלעוועט געווארען — דורך „פאר־פרוירענע" ריעל עסטעיט הלוואות, דורך פארלוסטען אינ'ם האנדעל מיט באנק סטאקס, א. אז. וו.

דאס אומפארמיידליכע האט פא־סירט: א געלאף אויף דער יו. עס. באנק פון די אנגעשראקענע דעפאזי־טארס. דער „ראן" האט זיך אנגעהוי־בען דעם 10טען דעצעמבער, 1930. דעם נעקסטען פרימארגען האט דער סטעיט בענקינג סופעראינטענדענט, דזשאזעף ל. בראדעריק, צוגעמאכט די טירען פון דער יו. עס. באנק.

וואס ס'זאלען ניט האבען געווען מאקס סטויער'ס מאטיווען — צי ער האט „געטראגען א הארץ" אויף קרעסעל'ן, צי ער איז געווען א פער־זענליכער שונא פון מארקוס'ען אדער סינגער'ן — ער האט פארדינט קרע־דיט פאר אויספארשען די סיבות פון דעם באנק־קראך, און פאר פירען דעם פראצעס געגען די הויפט באנק באאמטע. ס'איז געווען א היסטארי־שער פראצעס. די וואס האבען יענעם טראיעל בייגעוואוינט, וועלען אים קיינמאל ניט פארגעסען, אפילו ווען זיי זאלען לעבען הונדערט יאר. ס'איז געווען מאקס סטויער'ס טריאומף אלס „טראיעל לאיער".

# זייער צווייטער פריהלינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראזע שושנה

(פארזעצונג)

## ווען די ליבע גנב'עט זיך אריין אין הארץ

סעם האט געווארט אויף דאינע'ס א בליק, אויף דאינע'ס א ווארט.

דאינע איז אבער געווען פארשלא־סען מיט איר טרויער. דאינע האט בכלל אויסגעמידען מענשען און זיך געהיטען, אז עמיצער זאל געוואויר ווערען דעם אמת.

דער אומגליקליכער סעם האט אבער דערפיהלט, אז עפעס ציט זיין הארץ צו איר. ער פלעגט זיך ציהערען צו דער וואנט פון איר צימער. וואס האט זיך געגרעניצט מיט זיין צימער. מען האט דאך דעם פארפאלק אפגעגעבען צוויי צימערן, אז זיי וואוינען באזונ־דער, יעדער אין א צימער. דאס האט קיינער ניט געוואוסט. אז דאס פאר־פאלק באטרעט קיינמאל נישט איי־נער דעם אנדערענס צימער, האט קיי־נעם נישט געקענט איינפאלען.

סעם האט דערפילט, אז מיט יעדען טאג ווערט ער אלץ שטארקער פאר־ליבט אין דאינע'ן. איר ליכטיג גע־שטאלט איז כסדר געשטאנען פאר זיי־נע אויגען, נישט אפגעטראטען אויף איין מינוט.

— דו ביזט א פארברעכער... די האסט דאך צוגעזאגט, אז דיך וועט גארנישט בינדען מיט איר... האסט דאך דער אומגליקליכער מיידעל צוגע־זאגט, אז דאס איז בלויז א געשעפט־ליכע אפמאכונג. געשעפט! גע־שעפט! בלויז געשעפט!! האסט זיך פארקויפט! ווייל דו ווילסט ברענגען דיין מאמען. זי וויל פאר דער וועלט האבען א מאנטעל, א צו־דעק, פאר אירע זינד. האט איר גע־שלאסען אן אפמאך, א געשעפט! בלויז א געשעפט! איז פארוואס קרי־כען דיר איצט פארברעכערישע געדאנ־קען אין קאפ אריין? פארוואס? פארוואס?! —

סעם פלעגט פארטרייבען דעם קאש־מאר פון געדאנקען. סעם פלעגט מיט געוואלט טרייבען די ליבע פון הארץ, פון מוח. אבער זי, די ליבע, ווען מען ווארפט זי ארויס דורכ'ן טיר, קריכט זי דורכ'ן פענסטער. וואס מער ער האט געוואלט פארטרייבען די געפיה־לען, אלץ מער האט ער געפיהלט א שטארקערע ליבע צו איר.

ער האט געקעמפט, געקעמפט מיט אלע כוחות, נישט צו טראכטען וועגען דאינע'ן, אבער מיט יעדען טאג האט ער מער געטראכט. מיט יעדער מי־נוט האבען זיך די געדאנקען וועגען דאינע'ן מער אריינגע'גנב'עט אין זיין הארץ און זיין מוח.

איצט איז צוגעקומען נאך א דאגה, א ליבע, א טייערע דאגה. זיין מוטער קומט. אבער דער ארימער סעם האט נישט געוואוסט ווי אזוי זיך א עצה צו געבען.

ער האט דאך געזוכט אן אויסוועג, ווי אזוי ער זאל אויפנעמען זיין מא־מען, די ניסים מאמע, די ניי געבוירע־נע מאמע, וואס איז דאך דאס איינצי־גע וואס ער באזיצט אויף דער וועלט... אזא טייערען אוצר! א מאמע! ער האט דאך געמיינט, אז ער איז א רונ־דיגער יתום... און דא אזא גליק, די מאמע לעבט!

ער האט שוין געוואלט אנקלאפען אין דאינע'ס טיר כדי זיך אדורכצורע־דען מיט איר. אפשר וועט זי געפינען אן אויסוועג.

ער איז שוין געשטאנען מיט די פינ־גער ביי די ברעטלעך, אבער ער האט נישט געוואגט אריינצוגיין אין איר צימער. ער האט נישט געוואגט צו רעדען מיט זיין „ווייב" וועגען זיין מאמען, וועגען דער ארימער מאמען, וואס האט אזוי פיל מאל איינגעשטעלט איר לעבען צוליב אים.

אזוי ווי ער איז געשטאנען ביי דער טיר און נישט געהאט קיין מוט אנ־צוקלאפען, האט ער דערהערט א שטי־לען קלאפ אין דער זעלבער טיר, ביי וועלכער ער איז געשטאנען.

ער האט געמיינט, אז ער חלום'ט, אז עס דאכט זיך אים, אבער באלד האט דאס קלאפען זיך ווידערהאלט שוין אביסעל העכער.

— קאם־אין! —האט ער אויסגערו־פען כמעט א דערשראקענער. עס האט זיך לאנגזאם געעפענט די טיר און דאינע איז געבליבען שטעהן אין דער האלב געעפענטער טיר, פונקט אזוי ווי דעמאלט, ווען זי איז געקומען צו אים אין זיין ארים שטיבעל, רעדען מיט אים אז ער זאל חתונה האבען מיט איר.

אבער היינט איז איר אויסזעהן גע־ווען מיד און שרעקליך אויסגעמאטערט. די אויגען טיף און קאפ מיט שווארצע רענדער, וועלכע האבען עדות געזאגט פון שלאפלאזע נעכט. דאס פנים — אזא בלאסער, אזוי ליידענד. דאס איז נישט געווען די זעלבע דאינע, וואס ער פלעגט באוואונדערען דורך זיין פענסטער. דעמאלט איז זי געווען אזא באוועגליכע, אזא מונטערע... און איצט?... א שאטען פון א מענשען.

ניין, דאס איז נישט דער זעלבער מענש, נישט די זעלבע דאינע. אבער זי איז געווען וואונדערבאר שעהן אין אירע ליידען. זי האט געטראגען א טונקעל־רויט שטובען־קלייד מיט א לאנגע שנור פארבונדען אין דער טא־ליע.

א שרעקליכע רחמנות איז אים בא־פאלען קוקענדיג אויף איר אויסגע־צערט פנים. ער האט געוואלט פא־לען צו אירע פיס און אויסוויינען זיין מיטגעפיהל. אבער ער האט דערהערט דאינע'ס שטימע, אזוי שטיל און קלינ־גענדיג, אזוי ווי גלעקעלעך...

— סעם, איך האב ערהאלטען א מיטטיילונג פון „האיאס" (אימיגרא־ציע געזעלשאפט), אז אייער מוטער קומט צו פארען.

— יא — האט ער שטיל געזאגט און ער האט אראפגעלאזען דעם קאפ. זיין שטימע האט געציטערט און זיינע ווערטער האט מען קוים געהערט:

— ווילט איר נישט זיך אוועקזע־צען אויף א מינוט?

— א דאנק.

דאינע האט זיך אוועקגעזעצט אין דער שטול, וואס ער האט איר דער־לאנגט און, פונקט ווי דעמאלט ביי אים אין ארימען צימער, האט זי אויך איצט גענומען זיך ארומקוקען. אזוי ווי זי וואלט דעם צימער דערזעהן צום ערשטען מאל. נאך א פויזע האט זי געזאגט:

— סעם, מיר וועלען דארפען זי געהן אראפנעמען פון שיף.

סעם האט נישט געגלויבט זיינע אויערען. וואס האט זי געזאגט? „מיר" וועלען דארפען געהן זי אראפנעמען פון שיף? דאס מיינט דאך, אז דאינע וועט אויך געהן צו דער שיף... איז דאס מעגליך?

ער האט אויפגעהויבען זיינע טרויע־ריגע אויגען און געקוקט אויף איר. ער האט געוואלט איינהאלטען די טרע־רען, אבער ער האט זיך נישט גע־קאנט באהערשען. ער איז געפאלען צו אירע פיס און זיך שרעקליך צע־וויינט.

— דאינע, איך ווייס נישט ווי אייך אפצודאנקען. דאינע, גאט זאל אייך באצאלען!

— זייט נישט קיין לעמעשקע, שטעהט־אויף און הערט אויף וויינען — האט זי געזאגט, זייענדיג אליין שטארק גערירט און איינהאלטענדיג די טרערען וועלכע האבען געשטיקט איר האלז.

— מיר מוזען גוט באטראכטען ווי אזוי צו האנדלען.

— איך מיין, אז דער ערשטער וועג פון שיף זאל זיין דא אהער, צו אייך — האט זי געזאגט ענטשלאסען.

— און אייער מוטער? — האט סעם געפרעגט שטיל — וועט עס אייער מוטער ערלויבען? איר ווייסט דאך, דאינע, ווי זי קוקט אויף מיר — האט סעם געענטפערט מיט אן אראפ געלאזענעם קאפ.

דאינע האט א פאר מינוט געשוויגען און געזאגט שטיל:

— איך ווייס, סעם, מיין מוטער איז זעהר שלעכט צו אייך. איך ווייס וואס איר ליידט זיך אן דא אין הויז, אבער גלויבט מיר, אז מיין מאמע איז נישט אזא שלעכטע ווי איר מיינט. זי האט געהאט גענוג צרות. זי איז מער דערשלאגען און פארביטערט, ווי שלעכט.

דאינע האט א מינוט געשוויגען און ווייטער גערעדט:

— מיין מוטער איז זעהר צובראכען. דאס אומגליק מיט מיין ברודער האט זי זעהר דערשלאגען. אן איינ־ציגער זוהן. און דאן איך... גלויבט מיר, אז איר איז נישט צו־גוט. א טאכטער, אין אומשטענדען... פאר דער חתונה...

דאינע האט פארשעמט אראפגעלא־זען דעם קאפ און געזאגט:

— דאס פארשאפט איר נישט קיין כבוד און גענוג קרענקונג. איך וועל נישט זאגען, אז מיין מאמע איז א גוטע. זי געהערט צו אן אנדער וועלט, אנדערע באגריפען. זי קאן נישט שלום מאכען מיט איר ביטערען גורל. זי האט מיך צופיל ליב און צופיל ער־ווארט פון מיר. און איצט איז דאס פאר איר א שרעקליכע ענטוישונג.

דאינע האט שטיל אפגעזיפצט און גערעדט ווייטער.

— אבער איר, סעם, באמיט זיך צו פארשטיין און מוחל זיין, און דאן...

— האט זי געזאגט שטיל, מיט אראפ־געלאזענעם קאפ, אזוי ווי זי וואלט זיך געשעמט פאר די אייגענע ווער־טער.

— און עס וועט דאך שוין נישט לאנג דויערען. אביסעל נאך געדולד איך וועל אייך גיך באפרייען פון אייע־רע צרות... גיך!

סעמ'ן איז קאלט געווארען אין אלע אברים. ער האט געוואלט אויס־שרייען:

„ניין, ניין, נישט דאס, ניט דאס! איך וואלט וועלען, אז עס זאל אייביג דויערען, אייביג, אז איר זאלט מיך קיינמאל נישט באפרייען, קיינמאל!"

ער האט זיך אבער באלד דערמאנט, אז ער האט אן אפמאך, אז נאכ'ן גע־בוירען פון קינד, וואס זי טראגט פון אן אנדערען, זאל ער זי גט'ן...

ער פיהלט, אז דאס בלוט אנטלויפט אים פון פנים, פון זיין הארץ. ער לאזט אראפ דעם קאפ, אזוי ווי ער וואלט מורא געהאט, אז זי זאל נישט לייענען זיינע געדאנקען.

(ווייטערס — מארגען)

# ווי די פאַראורטיילטע צום טויט וואַרטען אויף זייער סוף

(שלוס פון פעידוש 3)

איר אין גאז־קאמער. די פריזאנערס האבען געוואלט ציען גורל ווער פון זיי זאל גיין שטארבען אנשטאט די פרוי.

אבער ווען די „ראטשעס" האט זיך דערוואוסט פון דעם, האט זי געמאכט חוזק פון די „יאלדען".

— איך וועל האלטען מיין „רעיט" מיט'ן מלאך־המות — האט זי זיך איינגעדריקט.

איר לאיער האט אבער געקעמפט ווי לאנג ער האט געקענט. אפילו אין טאג פון דער הינריכטונג גופא האט ער אריינגעגעבען אן אפיל צום סטעיט סופרים קאורט. דער קאורט אבער האט ענטזאגט אריינצומישען זיך אין דער קעיס און אפשטעלען די הינריכ־טונג.

ווען מ'האט געדארפט אריינפירען די פרוי אין גאז־קאמער, האט זיך ארויסגעוויזען, אז מ'האט זיך פארגע־סען אריינצורופען די אפיציעלע עדות וואס דארפען בייוואוינען די הינריכ־טונג, אין א דערבייאיגען צימער מיט גלעזערנע ווענט. ס'האט געדויערט א שטיקעל צייט ביז מ'האט געקראגען און אריינגערופען אלע עדות. די פרוי האט דערווייל געווארט ביי דער טיר און זי האט זיך געהאלטען רואיג און זי האט אפילו ניט ארויסגעקוועטשט א טרער.

נאכדעם ווי דער אנדערטעיקער האט ארויסגעקראגען דעם קערפער פון פריזאן און האט גענומען צוגרייטען עס צו קבורה, האט ער געפונען צוגעשפי־ליעט אונטער דער פרוי'ס קלייד, נעקסט צום סאמע ברוסט, בילדער פון דריי קינדער — אירע אייניקלעך.

די פארהארטעוועטע ציניש־פאר־ברעכערין האט מיטגענומען די בילדער פון אירע אייניקלעך ווען זי איז גע־גאנגען צום טויט.

ס'איז געווען די לעצטע צערטליכ־קייט וואס זי האט ארויסגעוויזען גע־זעגענדיג זיך מיט'ן לעבען.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • • • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— איך, ז.יך האָב אפגעטאָן! נו, כ'האָב דאך געוואוסט, אז דו וועסט ניט פארשטעהן.

בעלא האט באלד חרטה געהאט. איצט איז ניט די צייט צו שטראפען, צו מוסר'ען איר.

— איך זאג ניט אז דו; איר ביידע, דו און לארי. וואס איז דא געשעהן מיט אייך?

זי האט געפּרואווט צו פארנעמען זיך מיט דער איבערגעריסענער ארבייט ביים סינק, צו שטעלען דאס געפעס אויפ'ן ארט, נאר די ארבייט איז געפאלען פון די הענט. עלינאר האט צו־ריקגעהאלטען דאס געוויין, וואס האט איר געשטיקט אין האלז. דאס הארץ האט זיך איר געהויבען ארויף און אראפ און עס איז איר שווער געווען צו אטעמען. א שווייגענדיגע איז זי אריין אין ליווינג־רום. בעלא האט איבערגעלאזען אלץ און איז איר נאכ־געגאנגען.

האט די מאמע זיך אלץ ניט געגלויבט.

— אז איך ווייס גארניט וואס דו רעדסט, עלינאר.

— איך האב איר אליין געזעהן, מאמא, מיט מיינע אייגענע אויגען...

— דו האסט איר אליין געזעהן? ווען, ווי אזוי?

— טאקע דעמאלט, אויף יענעם אווענט. לארי האט דארט די גאנצע צייט מיט איר פארבראכט. ליליען איז איר נאמען. זי איז ניט אפגעטראטען פון אים. זיי האבען ביידע גערעדט און געלאכט, זי האט אים געקוקט אין די אויגען, און ער, לארי...

עלינאר האט אויפגעציטערט פון דער בילד, וואס האט זיך נאך אמאל א ווייז געטאן איר פאר די אויגען. יענער שרעקליכער אווענט, ווי אן אויפגעעפענטע וואונד. רייזענדיג האט א שטארקע בלייכקייט זיך אויסגע־שפרייט איבער איר פנים. אירע אוי־גען זיינען געווען אנגעצונדען גלאנ־ציג ווי אין פיבער. עלינאר האט איצט א סך גערעדט, ניט אויפגעהערט רייד־

א געליפטע הינטער איר פלייצע, און בעלא, די מאמע אירע, איז שוין אויך געווען גענייגט צו גלויבען אז דאס איז טאקע אזוי.

— דו האסט מיט לארי'ן גערעדט וועגען דעם? געפרעגט ביי אים אן ערקלערונג?

— ניין, ער ווייסט אפילו ניט וואס איך האב דורכגעלעבט יענעם אווענט, אדער ער מאכט זיך ניט וויסענדיג. איך וועל שוין איצט אויך אים אלץ גלויבען.

— דו האסט יע געדארפט מיט אים ריידען, — איז בעלא באשטאנען אויף אירס.

— איך זאל ריידען מיט אים פון אזא זאך? ניין, קיינמאל ניט. איך וויל זיך ניט דערנידעריגען אנטקעגען אים. ער זאל ניט מיינען...

בעלא האט א ווייל געשוויגען. זי האט נאך אלץ ניט קלאר פארשטאנען.

— איז וועגען וואס איז צווישען אייך געווען די קריג, וואס דו דער־צעהלסט?

— אין די משפחה זיינע? וואס האבען זיי געטאן? דו האסט דאך גע־זאגט זיי זיינען אלע געווען גוט צו דיר. די מאמע זיינע? — —

— די מאמע זיינע? איך האס זיי איצט אלעמען! — האט עלינאר מיט א וועהטאגדיגען קול אויסגעשריען. זי

איז געווען שוין אויסגעמאטערט פון צופיל ריידען און אין מויל איז איר געווען טרוקען. און ווידער זיינען מא־מע און טאכטער פארזונקען געווען אין א טרויעריגען שטיל־שווייגען.

בעלא האט א לאנגע צייט נאכגע־טראכט, דערנאך האט זי זיך אפגערו־פען צו איהר טאכטער:

— עלינאר, דו ווילסט מיר פאל־גען?

— יעס, מאדהער. — האט עלינאר ארויסגערעדט גלייכגילטיג. ווי זי וואלט פאראויס וויסען, אז די מאמע איהרע קען איהר דא גארניט העל־פען.

— ער האט דאך דיך ליב, לארי. ניט אזוי? ער האט דאך געוואלט

# זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ פאַרהייראַטען מאַן און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז זיין ווייב איז געווען די פאַרלאָרענע כלה פון איר פאָטער

פון שמואל וויניצער

(שלוס פון פעידוש 3, סעקשאָן 2)

שעהן קינד אז דערנאך א שעהן דער־וואקסען מיידעל. איך האב געלערנט אין פאבליק סקול און דערנאך אין האי־סקול, וואו איך האב גענומען א קאמערשעל קורס. ווען איך האב גע־ענדיגט די האי־סקול צו 18 יאר, האט די לערערין, וועלכע האט מיך באזונ־דערס ליב געהאט, מיר באלד פאר־שאפט א דזשאב אין א פעקטארי ביי א געוויסען אייזענבערג. איך בין גע־

איז געבליבען שטיין און בלויז גע־זאגט איין ווארט: — מלכה!

— יאסעל! דאס ביזטו? יאסעל?

מיין טאטע'ס פנים איז גלייך אפ־געקילט געווארען און אויך זי איז גע־ווארען אן אנדערע. זי האט זיך אנגע־הויבען צו פארענטפערען און האט זיך שטארק צעוויינט און איז צוגעגאנגען צו מיר און מיך געבעטען, אז כ'זאל איר מוחל זיין. מיין טאטע, ווידער.

מיין טאטע האט מיך אפגעפירט־האט זי געהייראט מיט מיין טאטען אהיים. מלכה איז מיטגעגאנגען און ניטאמן איך מיט אייזענבערג'ן. שפעטער געוואוסט וואס צו טאן פאר מיר. אזוינע מיר געווארען גוטע פריינט און ווען זי איז אריין אין דער קיך צו מא־באזוכען איינע די אנדערע. איך און כען עפעס צו טרינקען פאר מיר, האבמיין מאן זיינען זעהר גליקליך און מיר איך געזעהן, אז דער טאטע איז אירהאבען צוויי גרויסע קינדער. אויך נאכגעגאנגען און האט איר ארומגע־מיין טאטע און מלכה זיינען גליקליך נומען און געקושט. און זיי קומען צו אונז זעהר אפט.

# די הייטנטע קריסטליכע קאָנפערענץ פאַר דעם „יונייטעד דזשואיש אַפּיל"

פון בארים סמאליאר

(שלוס פון פעידוש 1, סעקשאָן 2)

לען געלט פאר כינע, פאר אינדיע, פאר הילפס־צוועקען אין פארשידענע לענ־דער פון דער וועלט. פארוואס אויך ניט צו העלפען אידישע פליכטלינגע זיך איינצוארדענען אויף א נארמאל לעבען אין ישראל? דער דורכשניט־ליכער אמעריקאנער קען לייכט פאר־שטיין אזא זאך, ווייל דער דורכשניט־ליכער אמעריקאנער ווערט גאנץ אפט אויפגעפאדערט צו מאכען ביישטייערן פאר צוועקען וואס האבען צו טאן מיט הילפס־ארבייט אין אנדערע לענדער.

אידען אין אמעריקע, אויסער זייע־רע גרויסע ביישטייערונגען פאר אי־דישע צוועקען, מאכען אויך באדייט־טענדע ביישטייערונגען פאר פארשי־דענע ניט־אידישע פילאנטראפישע צוועקען. זיי האבען געמאכט ביישטייע־רונגען פאר ענגלאנד אין דער צייט פון דער מלחמה, ווען געלט־קאמפעינס זיינען געפירט געווארען אין די פאר־אייניגטע שטאטען לטובת דער באַ־פעלקערונג אין ענגלאנד. זיי האבען זיך באטייליגט אין פארשידענע רעליף קאמפעינס פאר פראנקרייך און פאר אנדערע לענדער. זיי פיהלען זיך דער־פאר בארעכטיגט צו מאביליזירן איצט שטיצע פון דער אמעריקאנער קריסט־ליכער באפעלקערונג פאר אידישע הילפס־צוועקען אין אויסלאנד, באזונ־

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

**די שטורעמדיגסטע יאָרען פון טאָלסטאָי'ס פאמיליען־לעבען. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראָמאַן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.**

פון לעאָן קרישטאל

(פארטזעצונג פון פרייטאג)

אין יאר 1904 האט אויסגעבראכען די רוסיש־יאפאנעזישע מלחמה, וועלכע האט שטארק אויפגערודערט טאלסטאי'ען און האט אים ניט געלאזט רוהען אזוי לאנג ווי זי האט אנגעהאלטען.

אנגעהויבען האט זיך די מלחמה דערמיט, וואס די יאפאנעזישע פלאטע האט אטאקירט רוסישע שיפען אהן שום ווארנונג ביי דעם האפען פון פארט ארטור. אין דער זעלבער צייט האבען די יאפאנעזער ערקלערט, אז שולדיג אין דעם צוזאמענשטויס זיינען די רוסען. אין רוסלאנד, ווידער, האט די רעגירונג זיך באמיט מיט אלע אירע קרעפטען צו איבערצייגען דער באפעלקערונג, אז יאפאן איז די איינציג־שולדיגע וואס האט ארויסגערופען די מלחמה.

פאר טאלסטאי'ען, אלס פרינציפיעלער און טיף־איבערצייגטער געגנער פון יעדער סארט מלחמה, איז ניט געווען וויכטיג ווער עס האט געמאכט דעם ערשטען מלחמה־שריט. ווי אלע פאציפיסטען פון זיין צייט האט ער געהאלטען, אז אין גרונט איז אין א מלחמה נישטא קיין גערעכטער צד, ווייל ביידע צדדים זיינען געוועהנליך אומגערעכט. דאך האבען אים אינטערעסירט אלע איינצעלהייטען פון די ערשטע צוזאמענשטויסען און שלאכטען. ער איז געווען אזוי אומגעדולדיג, אז ער האט ניט געקאנט ווארטען ביז די פאסט וועט ברענגען די צייטונגען מיט די מלחמה־נייעס, און ער איז דעריבער יעדען טאג, פיר טעג נאכאנאנד, געפארען רייטענדיג 30 מייל (פון יאסנאיא פאליאנא קיין טולא און צוריק) צו באקומען די לעצטע „טעלעגראמעס" וועגען דער מלחמה. אזעלכע טעלעגראמעס זיינען דעמאלט געדרוקט געווארען כמעט אין אלע גרעסערע פראווינץ־שטעט איבער גאנץ רוסלאנד אין דער פארם פון קליינע בלעטלעך, וואס האבען געבראכט די נייסטע אפיציעלע מלחמה־מעלדונגען.

אין פראגען, וואס זיינען געווען פארבונדען מיט די האנדלונגען פון דער רעגירונג, איז סאניא, ווי געוועהנליך, ניט געווען איינפארשטאנען מיט איר מאן און זי האט — אין אנהויב, יעדענפאלס — ארויסגעוויזען א סך פאטריאטיזם. זי איז געווען איבערצייגט, אז דאס פאלק איז אין דעם פאל דורכאוס אויף דער זייט פון צאר.

דעם 3טען פעברואר האט זי געשריבען:

„ליעוו ניקאלאיעוויטש איז געזונט. איין טאג געהט ער שפאצירען, אין דעם צווייטען טאג פארט ער רייטענדיג. מיט דריי טעג צוריק האט געדויערט א לאנגע צייט ביז ער איז צוריקגעקומען. ערשט אזייגער זעקס פארנאכט איז ער געקומען אהיים און מיר האבען דעמאלט אויסגעפונען, אז ער איז געפארען קיין טולא אהין און צוריק צו קויפען די לעצטע „טעלעגראמע" און באקומען נייעס וועגען דער מלחמה מיט די יאפאנעזער.

„אין דער שטילקייט פון אונזער דארף האט די מלחמה אלעמען אויפגערעגט און פאראינטערעסירט. די אלגעמיינע באגייסטערונג און דאס מיטגעפיהל צום צאר זיינען איבערראשענד גרויס. עס ערקלערט זיך דערמיט, וואס דער אנפאל פון די יאפאנעזער איז געווען א פלוצים'דיג־חוצפה'דיגער און פון רוסלאנד'ס זייט האט קיינער ניט געוואלט קיין קריג, נישט דער קייסער, נישט עמיצער אנדערש. די מלחמה איז אן ארויפגעצוואונגענע."

אין דער זעלבער צייט וואס זי האט געהאט דעם איינדרוק, אז דאס פאלק איז באגייסטערט פאר'ן צאר און דער מלחמה, איז טאלסטאי געווען איבערצייגט, אז דאס פאלק איז געגען ביידע — געגען צאר און געגען קריג.

טאלסטאי האט צוגעגעבען, אז ער פארשטעהט ניט די יאפאנעזער. א סך מענשען אין אייראפע האבען שוין דאן באוואונדערט יאפאן דערפאר, וואס זי האט אין איינציגע צענדליג יאר צייט איבערגענומען און געפירט ביי זיך די אייראפעאישע ציוויליזאציע, וואס האט גענומען די אנדערע פעלקער טויזענט יאר צו אנטוויקלען, אבער דאס האט ביי טאלסטאי'ען אין די אויגען נישט דערהויבען די יאפאנעזער. דאס איז בלויז געווען פאר אים נאך א באשטעטיגונג פון זיין איבערצייגונג, אז די אייראפעאישע ציוויליזאציע איז אויבערפלעכליך און האט אין דער ווירקליכקייט נישט קיין אמת'ע ווערט און באדייטונג. אין דער זעלבער צייט האט ער זיך אפען געשטעלט געגען דער רוסישער רעגירונגס־פראפאגאנדע, וואס האט פארשפרייט האס געגען די יאפאנעזער.

ס'איז געווען נישט מער ווי נאטירליך, אז פון אנדערע לענדער זאל מען זיך ווענדען מיט אנפראגען וועגען דעם קריג צו טאלסטאי'ען, וועלכער איז געווען אי דער בארימטסטער רוס אין דער וועלט, אי דער פראמינענטסטער מלחמה־געגנער.

צווישען די ערשטע צו ווענדען זיך צו אים מיט א פראגע וועגען דער מלחמה איז געווען די זעלבע פילאדעלפיער צייטונג, וואס האט פון אים פארלאנגט און באקומען אן ערקלערונג וועגען דעם קישינעווער פאגראם. יענע פילאדעלפיער צייטונג, די „נארט אמעריקען ניוספעיפער" (זי עקזיסטירט שוין היינט נישט), האט דעם 8טען פעברואר, 1904, געקאבעלט טאלסטאי'ען די פאלגענדע פראגע: „פאר וועמען זיינט איר — פאר די רוסען, פאר די יאפאנעזער, אדער פאר קיינעם נישט?" דערויף האט טאלסטאי געענטפערט מיט דער פאלגענדער קאבעל:

„איך בין נישט פאר רוסלאנד, נישט פאר יאפאן, נאר פאר דעם ארבייטענדיגען פאלק פון ביידע לענדער, וואס ווערט אפגענארט פון די רעגירונגען און ווערט געצוואונגען צו פירען מלחמה, וואס איז געגען געוויסען, געגען רעליגיע און געגען דעם אייגענעם וואוילזיין."

א רייהע אנדערע אויסלענדישע צייטונגען האבען זיך געווענדעט צו טאלסטאי'ען מיט פראגען וועגען דער מלחמה, און ער האט געענטפערט אפען און מוטיג.

דערווייל האבען אנגעהויבען אנקומען באריכטען פון פארשיידענע טיילען רוסלאנד, אז די באפעלקערונג איז געגען דעם קריג און אז דא און דארטען צייגט זיך אפילו ארויס א מילדער ווידערשטאנד. אין איין באריכט — פון כארקאוו — איז דערצעהלט געווארען, אז דארט האבען זיך פרויען אוועקגעלעגט אויף די רעלסען אום ניט צו לאזען די באהן אוועקפירען זייערע מענער און זיהן אין דער מלחמה. אין יאסנאיא פאליאנא אליין האט טאלסטאי צוגעזעהן ווי א סך פויערים זיינען אוועקגעריסען געווארען פון זייער ארבייט און זייערע פאמיליעס און זיינען צוגענומען געווארען אין דער ארמיי. אין א סך פאלען זיינען די ארימע פרויען פון אזעלכע מאביליזירטע פויערים געקומען צו טאלסטאי'ען, אז ער זאל זיי העלפען דערהאלטען ביים לעבען זייערע קליינע קינדער, ביי וועלכע דער ברויט־געבער איז אוועקגעריסען געווארען, פילייכט אויף שטענדיג.

ער האט געהאט גרויס פארדרוס, ווען איינער פון זיינע זיהן, אנדרעי טאלסטאי, האט זיך פרייוויליג אנגעשלאסען אין דער ארמיי צו געהן אין דער מלחמה.

אנדרעי טאלסטאי האט פריהער געהאט געדינט אין מיליטער אלס פרייוויליגער און מיט דער צייט וואלט ער סאי־ווי געווען מאביליזירט געווארען. מיט'ן פאטער, וועלכער איז געווען אזא פייערדיגער געגנער פון מלחמה און פון יעדער מיליטער־דינסט, האט אנדרעי טאלסטאי גארנישט גערעדט וועגען דעם, אבער סאניא'ן, דער מוטער, האט ער פארטרויט, אז ער וויל ניט ווארטען ביז מ'וועט אים מאביליזירען און ער וואלונטירט דערפאר וואס אלס פרייוויליגער וועט ער — מיט דער הילף פון אביסעל פראטעקציע — זיך בעסער קאנען איינארדענען אין דער ארמיי.



סאניא האט שוין דעמאלט געוואוסט, אז די פראטעקציע, וואס איר זוהן אנדרעי ווארט צו קריגען אין דער ארמיי, איז א טייל פון דעם פאמיליען־סקאנדאל, אין וועלכען ער איז דעמאלט געווען פארפלאנטערט. אנדרעי טאלסטאי האט געהאט אוועקגעווארפען זיין ווייב און קינדער און האט געפירט א ליבע מיט דער טאכטער פון א געוויסען גענעראל סאבאליעוו. ווען ער האט זיך אנגעשלאסען אין דער ארמיי איז ער באשטימט געווארען אלס רייטענדער אונטער־אפיציר אין פערזענליכען שטאב פון דעם זעלבען גענעראל סאבאליעוו, דעם פאטער פון זיין געליבטער.

אלס איינער, וועלכער איז געווען אין רעזערוו, איז אנדרעי טאלסטאי באלד באשטימט געווארען אפצופארען מיט זיין פאלק אויפ'ן ווייטען מזרח, צום פראנט. די מוטער האט אים באגלייט קיין טאמבאוו, וואס איז געווען א גרויסער מאביליזאציע־פונקט און פון וואנען זיין פאלק האט געדארפט אפפארען.

סאניא האט סימפאטיזירט מיט איר געקריוודעטער און פארלאזטער שנור, אבער זי האט זיך געהאלטען „אומפארטייאיש". און כאטש זי האט פארדאמט דעם זוהנ'ס לייכטזין, האט זי פונדעסטוועגען אים ליב געהאט. נאכדעם ווי זי האט אים ארויסבאגלייט אין דער מלחמה, האט זי געשריבען: „איך משפט ניט מיין זוהן און אויך ניט מיין גוטע, קלוגע און שעהנע שנור. איבער מאן און ווייב קאן בלויז גאט זיין א ריכטער."

די סצענעס, וואס סאניא האט צוגעזעהן אין מאביליזאציע־פונקט, און אירע אייגענע איבערלעבונגען אלס מוטער, וועמעס זוהן געהט אוועק אין קריג, האבען זי איבערצייגט, אז דאס פאלק איז גארנישט אזוי באגייסטערט פאר דער מלחמה און פאר'ן צאר, ווי זי האט פריהער געדענקט.

באשרייבענדיג אירע ערפארונגען און אירע געפיהלען, ווען דער צוג איז ארויסגעפארען מיט די סאלדאטען צום פראנט, דערצעהלט זי: „מיינע איבערלעבונגען זיינען געווען ענליך צו די פיל־שטארקערע געפיהלען וואס איך האב געהאט ווען איך בין געגאנגען צוריק פון מיין קינד וואניא'ס לוויה. בלויז מאמעס וועלען פארשטעהן מיר און איינע די אנדערע.

„אויב עמיצער וועט וועלען שטארק זוכען דערהויבענע פאטריאטישע און קריגערישע געפיהלען אין די אלע סאלדאטען, אפיצירען, גענעראלען, און באזונדערס אין די, וועלכע זיינען געקומען זיי באגלייטען, וועט ער קיין שאטען פון דעם ניט געפינען. — זאגט זי ווייטער. — אלעמען איז געווען שווער אויפ'ן הארצען, אלע זיינען געגאנגען געצוואונגענערהייט, צעטומלטע און צעוועהטאגטע. איינער פון די קאמאנדירען, גענעראל קלאווער, האט געמאכט א פארזוך צו דערמוטיגען די סאלדאטען, וואס האבען זיך געזעגענט מיט אים דורך די פענסטער פון די וואגאנעס, און ער האט א געשריי געטאן צו זיי: „גיט זיי דארט פעפער צו שמעקען!" אבער זיינע ווערטער זיינען ארויסגעקומען ביליג, אומפאסיג, לעכערליך.

„עס האט זיך ווי עפעס אפגעריסען ביי מיר אין הארצען. א נייע גרויסע געשעהעניש האט אפגעטיילט מיין פריהערדיג לעבען פון דעם ווייטערדיגען — די באגלייטונג פון א זוהן אויף דער מלחמה און דער שרעקליכער איינדרוק, וועלכען איך האב באקומען פון ארויסבאגלייטען סאלדאטען אין אלגעמיין."

און דאן קומט זי מיטאמאל זעהר נאהענט צו איר מאנ'ס שטאנדפונקט און זי שרייבט:

„וואס איז אזוינס מלחמה? איז מעגליך, אז איין נארישער מענשעל, ניקאלאי דער צווייטער, וועלכער איז אליין ניט קיין שלעכטער און ווינט אליין, האט געקאנט ברענגען אזויפיל שלעכטס?"

וואס אנבאלאנגט טאלסטאי'ען אליין, האט ער געהאלטען פאר זיין פליכט אויף ס'ניי צו שרייבען געגען דער מלחמה, כאטש די גאנצע וועלט האט געוואוסט זיין שטעלונג אין אלגעמיין. ער האט באלד גענומען ארבייטען אויף א גרעסערען ארטיקעל געגען קריג, וואס ער האט א נאמען געגעבען „באדענקט זיך!", מיט דעם צוועק אפצודרוקען עס אין אויסלאנד, ווייל ער האט געוואוסט, אז די רוסישע צענזור וועט עס אין רוסלאנד נישט ערלויבען. נאך מער, ער האט געהאט אורזאכען צו דענקען, אז ווען זיין ארטיקעל געגען מלחמה וועט אפגעדרוקט ווערען אין אויסלאנד און די רוסישע רעגירונג וועט וועגען דעם אויסגעפינען, וועט זי ערנסט אויפנעמען די פראגע וועגען פארפאלגען און באשטראפען אים, און — ער האט געווארט דארויף.

(ווייטערס — מיטוואך)

# זייער צווייטער פרילינג

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראָוז שושנה

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

(פארטזעצונג)

## צווישען חיות אין וואלד

אזוי איז חנה גרינפעלד געקומען צו „איר זוהן" אין הויז און נישט געוואוסט, אז אויך איר זוהן איז דא נישט מער ווי א „צייטווייליגער גאסט"; די היים איז קיין היים נישט; דאס ווייב איז קיין ווייב נישט, און שווער און שוויגער זיינען פרעמדע.

חנה האט נישט באגריפען דאס דאזיגע הויז, וואו יעדער איינער איז פארשלאסען אין זיין צימער, א וועלט פאר זיך.

זי האט געטראכט, אז מסתמא איז דאס אזא מאדע אין אמעריקע.

חנה האט נישט געוואוסט, אז יעדער דא אין הויז, אין די רייכע, שווערע, מאסיווע צימערען, לעבט איבער זיין טראגעדיע.

דער באלעבאס, דזשייקאב, א געמיש פון אלטמאדישקייט און מאדערנקייט, קאן זיך דא קיין ארט נישט געפינען. ער דרעהט זיך דא ארום א פרעמדער, א שווייגענדיגער. ער איז א רעליגיעזער מענש, היט אפ אלע טראדיציעס, אבער אז ער כאפט זיך ארויס פון דעם געדרוך פון שיכעל, וואס פילט אן דאס הויז, איז ער אן אנדערער. ער ווערט א לעבעדיגער, מיט הומאר און מיט וויץ. דא אבער שווייגט ער, דער הויכגעוויקסיגער מאן, און ציטערט פאר זיין ווייב. ער איז פארשלאסען אין זיך אזוי ווי א פרעמדער.

בעקי, זיין ווייב, גייט שטענדיג ארום אין אן אלטען שלאפראק, אין אלטע לאפטשעס, גייט זעלטען ארויס פון קיך, רעדט צו זיך אליין, איז שטענדיג אין כעס און שעלט דעם גורל צוליב איר ביטערער ראליע, צוליב דעם נישט צוריקגעקומענעם זוהן, צוליב איר וואונדערבאר שעהנער טאכטער, וועלכע האט אפגעטאן אזא נארישקייט...

זי האט געהאפט איר טאכטער'ס חתונה צו מאכען אין עושר און אין כבוד... פון קינדהייט אן געזאמעלט פאר איר אן אויסשטייער. ווען זי איז געגאנגען אין גאס עפעס איינקויפען, האט זי אהיימגעבראכט א פאר האנטיכלעך, א פאר קיכען־טשערקעס, א מישטיכעל, סערוועטקעס, כדי אוועקצולייגען פאר איר איינציגער טאכטער צו דער חתונה.

אז דאינע פלעגט פון איר לאכען, מיט איר קלינגענדיג געלעכטער... דעמאלט האט נאך דאינע געלאכט...

— מאמע, צו וואס קויפסטו אן די אלע שמאטעס? זיי וועלען דאך נאך פארפוילט ווערען ביז מיין חתונה. כא־כא־כא... — האט געקלונגען איבער'ן שטוב איר קינדיש געלעכטער.

— צו מיין חתונה וועט מען קויפען מאדערנע זאכען...

בעקי'ן האט אפילו פארדראסען וואס דאינע לאכט פון איר און האט געזאגט:

— וואס ווייסט דו? דו ביזט נאך א ציג. אזוי האט בעקי געענטפערט.

— אבער מאמע, היינט זיינען אנדערע צייטען. היינט קויפט מען שוין נישט אן אזוי פיל זאכען. און זיי רוהיג, מאמע, צו מיין חתונה וועט דער פא עפענען זיין „וואלעט" (טייסטער) און וועט נישט זשאלעווען. דער פא איז נישט קיין קארגער.

אבער בעקי איז געווען אן איינגעשפארטע. זי האט באלד באוויזען מיט אלערליי משלים, אז ווען מען קויפט איינציגווייז, זעהט זיך עס נישט אן, און דערפאר קויפט מען מעהר.

און ווי אלע מאל, האט זי געענדיגט מיט א געוויין, כאטש זי האט נאך דעמאלט נישט געהאט קיין אורזאכען צום וויינען. אבער בעקי האט שוין געהאט אזא טבע. אהן געוויין האט זי נישט פארענדיגט קיין געשפרעך, צי א פרייליכס, צי אן אומעטיגס, אלץ איינס. שטענדיג האט זי פארענדיגט מיט א געוויין.

— וואס, א סך טעכטער האב איך? איין פיצעל טעכטערל, מישטיינס געזאגט. ווייל איך האבען דאס פארגעניגען צו קלויבען אן אויסשטייער.

און בעקי האט זיך נאך שטארקער צעוויינט, ווייל דעמאלט האט זי זיך דערמאנט אין די קינדער, וואס זי האט נעבעך באגראבען. נישט געהאדעוועט זיך ביי איר די קינדערלעך, געשטארבען יונגערהייט. פון פיר געבליבען בלויז צוויי, איזי און דאינע. האט די מאמע געציטערט איבער די צוויי קינדער אירע.

נו, האט בעקי ווייטער איינגעקויפט אויסשטייער פאר דאינע'ן, שוין מעהר דאס נישט געוויזען דער טאכטער, נאר אליין געפרעהט זיך מיט יעדער זאך, וואס זי האט ארייגעלעגט אין קאסטען, איינגעשיט מיט נאפטאלין.

גע'חלומ'ט האט בעקי צו מאכען א חתונה, אז גאנץ וויליאמסבורג זאל שטיין אויף די פיס. אלע שכנים פון דער גאס, אלע קרובים, פריינט, די שענסטע מוזיק, דעם גרעסטען חזן, מיט פאטאגראפיעס, מיט כל טוב... עס וועט שוין איינמאל זיין א חתונה...

זי פלעגט אין געדאנק איבערטראכטען, וועלכען זאל מען וועט נעמען, אז אלע זאלען קאנען ארייינקומען באקוועם. יעדער זאל האט איר אויסגעוויזען נישט פאסיג, צו קליין.

און טיילמאל אין געהיים פלעגט זי זיך מאכען א צעטעל וועמען זי וועט אלץ בעטען, זי זאל חלילה נישט פארגעסען עמיצען איינצולאדען.

כאטש דאינע איז געווען נאך א גאר יונג קינד האט בעקי נאר גע'חלומ'ט און געמאכט פלענער וועגען דער גראנדיעזער חתונה וואס זי וועט פראווען פאר דאינע'ן. גאט און לייט וועלען זיך פרעהען... אזא שעהנע טאכטער! אזא אינטעליגענטע טאכטער!

איז אבער געקומען א טייוולשע האנט און זיך אויסגעלאכט פון אירע פלענער... א תל געמאכט צו אירע חלומות.

די אומגליקליכע מוטער האט געליטען א שרעקליכע ענטוישונג. איר איינציגע גראטענע טאכטער האט זיך פארדרעהט א קאפ מיט א שלימזל א רעפיודזשי, וועלכער האט איר א כישוף אנגעטאן. האט מען געמוזט אויף גיך שטעלען א חופה, שטילערהייט. זיינען צעשוואומען אירע חלומות אזוי ווי א זייפען־בלאז... אפילו די נאענטסטע האבען נישט געוואוסט, קיינעם נישט געבעטען, א טרויעריגע, פינסטערע חתונה.

האט בעקי דאס נישט געקאנט אריבערטראגען, נישט געקאנט שלום מאכען מיט דעם שיקזאל. האט בעקי איצט כסדר אויסגעוויינט אירע אויגען, פלעגט שטעהן אין קיך און שעלטען אין דער וועלט אריין און מורמלען צו זיך אליין און באוויינען איר ביטערען גורל.

און חנה גרינפעלד פלעגט זיך וואונדערען, וואס אויך דאינע געהט נישט ארויס פון איר צימער, נאר בלויז צו די מאלצייטען, און דאס אויך זעהר זעלטען.

אבער דאינע'ן האט נאך חנה פארשטאנען. א פרוי אין אזא צייט קאן נישט עסען, באהאלט זי זיך... א יונג קינד, זי שעמט זיך.

דערפאר פלעגט זי זעהר א סך רעדען מיט איר שמואליק'ן. מאמע און זוהן האבען זיך קיינמאל גארנישט געקאנט זאט אנרעדען. מען האט דאך געהאט זיך אזוי פיל צו דערציילען. אזוי פיל אומגלויבליכעס, אזוי פיל ניסים...

שמואל האט דערציילט דער מאמען ווי אזוי עס איז געשעהן דער נס, וואס זי האט געזעהן, אז מען האט אים דערשאסען, צום סוף איז ער גאר אויסגעוואקסען דא אין אמעריקע.

— געדענקסט, מאמע, ווען מען האט אונז געפירט צום טויט, האבען אייניגע פרובירט אנטלויפען? איך האב דעמאלט געוואלט דיך אנכאפען פאר א האנט, אז דו זאלסט זעהן, אז איך בין לעבען דיר, האט דער מערדער געמיינט, אז איך מאך א פארזוך צו אנטלויפען. מען האט אין מיר אויך געשאסען. איך בין געפאלען לעבען אייניגע טויטע. דער זעלנער האט געגעבען א קוק, אז מיר זיינען טויט און זיי זיינען אוועקגעגאנגען. מיר האט נאר די קויל דורכלויפענדיג אפגעריסען א שטיקעל פלייש פון פוס. אבער איך האב דעמאלט אינסטינקטיוו דערפיהלט, אז איך מוז ליגען רואיג, זיי זאלען מיינען, אז איך בין טויט. ווען נישט, וועט מען מיר געבען נאך אייניגע קוילען.

לאנג בין איך אזוי געלעגען צווישען די טויטע. איך האב געהערט שרעקליכע יללות. שטארק בין איך אפנים געווען דאס אויסצוהאלטען. איך האב געוואלט לויפען טיילען דעם גורל מיט אייך אלעמען. אבער איך האב נישט געקאנט גיין. מיין פוס האט שטארק געבלוטיגט. איך בין געפאלען אין חלשות.

עס איז געווארען פינסטער. דאס מזל האט מיר צוגעשפילט. עס איז געווען א שרעקליכע פינסטערע נאכט. איך האב אנגעהויבען צו קריכען אזוי ווי א חיה אויף אלע פיר.

ווען איך בין געקומען הינטער'ן וואלד האב איך דערזעהן ווי עס גייט א רויך פון אן איינגעפאלענעם סטאם ברעטער, ברענענדיגע בעלקעס, פון עפעס א שייער. אבער איך בין ווייטער געקראכען אריין אין וואלד טיפער, טיפער, געוואלט בעסער לעבען צווישען חיות.

שמואל און זיין מאמע האלזען זיך, קושען זיך און וויינען. ביידע ארומגענומען, וויינען לאנג.

— און אזוי, מאמע, בין איך אפגעלעגען אייניגע טעג, געגעסען גראז, און אזוי האט מיך די אמעריקאנער ארמיי געפונען א פאר'חלש'טען.

— געהאט אביסעל גליק, וואס די אמעריקאנער ארמיי איז גיך אריין. איך האב ניט גערוהט, געלאפען דיך זוכען, מאמע, געלאפען זוכען עמיצען פון שטעטעל. זיינען מיר דאך אלע געווען צוזאמען, דיין פריינדין חוה, בלומטשע מיט איר טאכטער עטעל... אויף אלעמען האב איך זיך נאכגעפרעגט, געפארשט, אבער אומזיסט. גארנישט געקאנט געוואויר ווערען. און איך האב באשלאסען צו גיין אהיים.

— אהיים! — רעדט ער ווייטער, און זיפצט לאנג, שווייגט מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ.

(ווייטערס — מארגען)

# וואס א מענש לעבט דורך ווען ער ליגט אויף אפעראציע־טיש און ווייסט אז „דאס איז עס"

(שלום פון עדיטאריעל פעידזש)

פאר דאקטוירים האב איך, ווי יעדער מענש וואס איז אומוויסענד אין הלכות מעדיצין, גרויס דרך־ארץ; אז דער דאקטאר האט געהייסען ניט לייענען, האב איך ניט געלייענט. און, ווי ס'וויזט אויס, איז דער דאקטאר גערעכט געווען, ווארים איך בין ווידער איינגעשלאפען. אזוי איז האב איך יעדער עטליכע שעה געבעטען דעם בוך און יעדעס מאל האט מיר די נוירס אפגעזאגט און איך בין איינגעשלאפען.

יע, כ'בין געווען גאנץ דורשטיג, אבער מיין דורשט איז ניט געווען אזא, אז איך האב אים ניט געקאנט פארטראגען. פונדעסטוועגען האב איך געבעטען א טרונק. געווען איז עס, אייגענטליך, פון מיין זייט א מין מיטעל אויף אויסצופרובירען מיין צושטאנד — וועט זי מיר געבען א טרונק? כאטש וואס אייגענטליך וואלט עס געמיינט ווען זי גיט מיר ניט קיין טרונק, ווייס איך אליין ניט. אבער די נוירס, הגם זי האט מיר ניט געלאזען לייענען, האט מיר דוקא געלאזט טרינקען. זי האט געשמירט מיינע אפגעשלענגען טרובעלע, און — קיינמאל האט פשוט'ע וואסער פון סינק ניט געהאט אזא טעם גן־עדן!

טייערער רעדאקטאר, ווי איך האב אייך געשריבען אין מיין ערשטען בריוו, האלט איך ביים געזונט ווערען און כ'פיהל מיך שוין איצט כמעט אזוי ווי א גוי. די אפעראציע, פארזיכערט מיר דער דאקטאר, איז געווען א געלונגענע. ווי יעדער חולה, גלויב איך צייטענווייז ניט דעם דאקטאר און ס'שרעקט מיך — אפשר איז עס פארט ניט אינגאנצען הונדערט פראצענט געלונגען? אבער אט־די פינסטערע צווייפלען טרעפען בלויז אין א רעגענדיגען טאג, און ווען דער וועטער ביים זיך.

אגב איז מיין אפעראציע פארבונדען מיט דער אידישער ליטעראטור, פאניע רעדאקטאר — יע, מיט דער אידישער ליטעראטור.

מיר געדענקען דאך אלע אונזער אומפארגעסליכען מיטארבייטער דר. א. גינזבורג. האט עס זיין זוהן, דער בארימטער כירורג לעאן גינזבורג, דער הויפט־כירורג פון בית־ישראל האספיטאל, געמאכט די אפעראציע אויף מיר. האט ער הענט, פאניע רעדאקטאר! האט ער פינגער! ווען ער וואלט געווען א פיאניסט, וואלט ער געווען א צווייטער פאדערעווסקי! ס'לוינט זיך אן אפעראציע דורכצומאכען אבי ער זאל זיין דער „שניידער".

און ווער, מיינט איר, איז עס געווען דער יעניגער, וועלכער האט אנטדעקט וואס מיין צרה איז, און אז עס איז ראטזאם דורכצומאכען אן אפעראציע? שלום עליכם'ס איניקעל. דאס הייסט, ער אליין איז ניט דער איניקעל, ער איז פארהייראט צו שלום עליכם'ס איניקעל. ער הייסט דר. סירני גאלדסטין, און ער איז די העפליכקייט אליין. זיין שוויגער, ליאלא קויפמאן, איז א מיטארבייטערין אין „פארווערטס".

זאגט אליין, איז עס ניט געווען א ליטעראריש קראנקהייט און א ליטעראריש אפעראציע?

ניט ווייניגער אינטערעסאנט איז וואס א חולה האט דורכצומאכען אין האספיטאל נאך אן אפעראציע — די נוירסעס, די ארדערליס, די פריינט וואס קומען באזוכען, די פריינט וואס קומען ניט באזוכען. איז אויב איר וועט אינטערעסירט זיין צו לייענען, און אויב איך וועל האבען כח צו שרייבען, וועל איך שיקען נאך א בריוו.

דערווייל זייט מיר געזונט און איך פארבלייב מיט ליבע און דרך־ארץ,

חיים עהרענרייך.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— דו מיינסט, עס איז א נייעס אז א מאן זאל זיך פארקוקען אויף אן אנדער פרוי? אוי, ווי דאס טרעפט זיך! אלע מענער זיינען אזוי...

— אלע? — האט עלינאר מיט גרויסע אויגען אנגעקוקט איהר מאמען — ניין, מא, דאס קען ניט זיין. דו רעדסט עפעס אזוי מאדנע.

— ניט אלע אפשר, נאר די מעהרסטע פון זיי. דו קענסט קיינמאל ניט וויסען...

— מיין טאטע איז ניט געווען אזוי... — האט עלינאר מיט זיכערקייט ארויסגערעדט.

— דיין טאטע! — האבען ביי בעלא'ן זיך אנגעצונדען די אויגען בייז — דיין טאטעלע, ער איז דאס שולדיג אין אלע אונזערע צרות...

— מאדהער, פליז, דו הויבסט שוין אן! — האט עלינאר שארף אפגעשטעלט איהר מאמען.

ביידע זיינען זיי איצט געווען צערייצט. קיין שום זאך האט ניט געקענט פארמינערען עלינאר'ס ליבשאפט צו איהר טאטען. בעלא האט איצט געמוזט פארקערעווען איהר שמועס אין אן אנדער ריכטונג. זי האט אנגעהויבען מיט טענות:

— דעם נחת, וואס איך האב דערלעבט. און איך האב שוין אזוי געהאפט... געמיינט, אז לארי איז דער ריכטיגער מאן פאר דיר. וואס וועלען איצט מענשען זאגען? מען איז שוין אזוי אויך ביי אלעמען אין די מיילער, אומעטום רעדט מען...

— וואס רעדט מען? פון ווען־אן רעכענסטו זיך אזוי מיט וואס מענשען רעדען? — האט עלינאר איצט ארייגעקוקט איהר מאמען גלייך אין די אויגען. איצט האט בעלא געשוויגען. זי האט ניט געוואלט איהר טאכטער מעהר אויפרייצען.

— איך האב געוואוסט, אז דו וועסט נאר מיך מאכען שולדיג. — האט עלינאר זיך אפגעגעסען דאס הארץ — דו וועסט נאך צו מיר האבען טענות.

— נו, שא, שא, אלראיט — האט בעלא אנגעהויבען מיט א ווייכער שטימע, און זי האט א גלעט־געטאן איהר טאכטער פאר דער האנט — איך מיין דאך, חלילה, דיך ניט קיין שלעכטס. שוין מעהר ווי א וואך, אז דאס האט פאסירט. מיט א מאמען האסטו געמעגט זיין מעהר אפענהארציג, דערצעהלען מיר באלד אין אנהויב. ווען איך ווייס פריהער, וואלט מען אפשר געקענט פארהיטען, אז...

— א, וואהאט'ס די יוז? (וואס קומט ארוים?) — האט עלינאר פארצווייפעלט א מאך־געטאן מיט דער האנט. אין איהר קול איז געווען אזוי פיל טרויער, אז עס האט בעלא'ן פארנומען ביים הארצען. זי האט געפיהלט, אז זי מוז דא עפעס טאן צו העלפען איהר קינד. איהר קאפ האט שנעל געארבייט און איהר איז איינגעפאלען א נייער פלאן. און זי האט זיך אפגערופען צו עלינאר'ן:

— דו ווילסט, אז איך זאל אליין רעדען מיט לארי'ן? איך וועל איהם אפרופען אין טעלעפאן — זי האט גערעדט נאך ניט זיכער — וועל זאגען איהם, אז דו ביזט קראנק.

— א, נאו, מאדהער! נאו! — האט עלינאר זיך א כאפ־געטאן. זי האט אזש אויפגעציטערט, און איהר פנים האט אויסגעדריקט אומרוהיגקייט און שרעק.

— נו, אלראיט. ניין, איז ניין. איך האב נאר געמיינט דא העלפען — האט בעלא אזוי ווי פארענטפערט זיך פאר איהר טאכטער.

עלינאר האט אפילו אנגעקוקט איר מאמען מיט פארוואורף. ווי זי פארשטעהט דאס ניט, די מאמע איהרע. זי מיינט, אז מיט קלוגע רייד קען מען אלץ דורכפירען. זי האט ביטער אין זיך א לאך־געטאן: „מיט רייד וויל זי צוריקברענגען אזוינס, וואס איז אוועק, וואס עס איז שוין ניטא..."

— אזעלכע באים, ווי לארי, וואלגערען זיך ניט אין די גאסען — האט בעלא נאך לאַז זיך ניט געקענט בארוהיגען.

עלינאר האט מיט כעס זיך א ווארף געטאן:

— וואס, ווילסטו, איך זאל דא טאן! פאלען איהם צו די פיס, בעטען זיך ביי איהם?

— וואס ארט דיר, אז איך וועל איהם אפרופען? פראוועו מעג מען דאך. איך וועל רעדען אין מיין אייגענעם נאמען... — איז בעלא אלץ באשטאנען אויף איהרס.

— ניין! קיינמאל אין לעבען ניט! — איז איצט עלינאר געשטאנען אנטקעגען איהר מאמען, א פאר'עקשנ'טע, א שטאלצע.

בעלא האט גוט זיך איינגעקוקט אין איהר טאכטער'ס פנים. דער אנטשלאסענער אויסדרוק פון איהר אינגאנצען.

עס קען זיין, אז אין דער מינוט האט די מאמע איהר טאכטער פארשטאנען.

זי אליין, בעלא, איז אין איהר פריה'צייטיגער יוגענט דאך אויך געווען אזא, פאר־עקשנ'ט און ניט געוואלט זיך בויגען פאר קיינעם. און איצט... ווי דאס לעבען צווינגט דאס צו טאן זאכען. עלינאר איז יונג, זי ווייסט נאך ניט פון דעם...

עס איז שוין געווארען שפעט אין פארנאכט, ווען קאסטאמערס האבען שוין געדארפט אנהויבען קומען צו בעלא'ן וועגען זייערע דרעסעס. עס האט זיך דערהערט א קלונג אין טיר־גלעקעל, און בעלא איז ארויסגעלאפען אין קארידאר, געמאכט אומעטום ליכטיג און געעפענט די טיר. עס איז אריינגעקומען א פרוי, איינע א מיסעס מארקאוויץ. זי האט דא, ביי בעלא'ן, געהאט געקויפט א דרעס, וואס מען האט נאך געדארפט „צופיקסען". בעלא איז איהר געקומען אנטקעגען מיט א פריינדליכען פנים:

— א, העלא, העלא, מיסעס מארקאוויץ, איך האב שוין אויף אייך געווארט, קומט אריין אין סאלאן, אייער דרעס הענגט שוין פארטיג.

בעלא האט אזוי ווי ארויפגעצויגען אויף איהר פנים א פרעהליכע מאסקע. איידער זי איז אוועק מיט דער מיסעס מארקאוויץ אין איהר „סאלאן", האט בעלא צוגעשיקט עלינאר'ן א ווארימען, מאמעשען בליק, א בליק פון ערמוטיגונג, ווי זי וואלט וועלען זאגען איהר טאכטער: זעהסט דאך, מען מוז אנגעהן ווייטער, אזוי פירט זיך שוין דאס לעבען...

(ווייטערס מארגען)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

### קאפיטעל אכט-און-צוואנציג

איז עלינאר'ן געווארען גרינגער פון דעם, וואס זי האט זיך דורכגעשמועסט מיט א'הר מאמען? מען זאגט, אז ווען מען רעדט זיך אראפ פון הארצען, ווערט גרינגער. נאר מיט עלינאר'ן איז דאס אזוי ניט געווען. עס האט נאך מעהר אויפגעוועקט איהר וועהטאג. זי האט איצט געפיהלט דעם זעלבען טרויער, די זעלבע מרה־שחורה, וואס פריהער. זי האט שוין ניט געקענט אפילו זיך פארלייענען מיט די אלע וואונדערליכע, אויסגעטראכטע געשיכטעס פון די „מעגעזינס" און זשורנאלען, וואס זי האט אנגעקויפט, און שווער איז איהר געווען אויסצואוועבען פאר זיך חלומות, אז אלץ וועט ווידער מיט איהר זיין גוט. אין איהרע געדאנקען איז איצט נאר געווען די ביטערע וואהר, די וואכעדיגקייט. אין הארצען — איין הגויל פון אומרוה און פארצווייפלונג.

זי פלעגט אויפשטעהן אינדערפריה צובראכען און נערוועז, און אנטלויפען צו איהר ארבייט אין סקול. פארנאכט־צו איז זי זעלטען געקומען אהיים אין צייט פאר סאפער. זי פלעגט זיך ארומדרעהען איבער דער גאס, אדער אפזיצען שעה'ן אין א מאווי־הויז. עס האט זיך איהר ניט געגלוסט צו לעבען. צו וואס דארף זי דאס דורכגעהן די אלע ליידען? איהר גאנג איז געווען ווי געפענטעט, און אזוי פיל טרויער איז דעמאלט געווען אין דעם בליק פון איהרע טונקעלע אויגען. דאס פנים—גרין־געל, די באקען—איינגעצויגען, און איהר גאנצע פיגור האט זיך אזוי ווי אויסגעבויגען אונטער דער לאסט פון אירע ליידען.

„עלינאר, זיי סענסיבל, זיי קלוג; נעם זיך אין די הענט" — האט אזוי ווי א שטימע אין איהר גערעדט, דעמאלט, ווען איהר איז שוין צו־שווער געווען צו באוועגען זיך, אנצוגעהן ווייטער. א סך מאל איז זי געקומען אהיים מיט א שטארקען קאפ־וועהטאג. זי האט דער מאמען איהרער פון דעם גארניט געזאגט, נאר זי איז אריין צו זיך אין צימער, ניט אנגעצונדען קיין ליכט; זי האט זיך א [illegible]

אין די טעג, וואס עלינאר איז ניט געגאנגען אין סקול, אין א שבת, צי אין א זונטאג, האט מען איהר געקענט זעהן ווי זי זיצט ביי זיך אין צימער אויפ'ן קושעטקע, איינגענורעמ' אין עפעס אן אלטען סוועטער, א פארטרויערטע, א פאראומערטע. זי האט געהאלטען אויפ'ן שויס א בוך א צועפענטען און איהרע אויגען האבען געקוקט אין דער לופט, אנגעשטעלט אויף איין פינטעל; איהרע געדאנקען האבען, ווי אלעמאל, זיך געדרעהט נאר ארום דעם איין־און־איינציגען פונקט. וואס איז געשעהן מיט איהר? וואס איז געשעהן מיט לארי'ן? ווי אזוי איז צו דעם אלץ געקומען?...

זי האט גוט געדענקט דעם לעצטען מאל, ווען לארי האט איהר אפגערופען אין טעלעפאן. עס האט זיך אין זיין טאן שוין געפיהלט, אז ער איז אן אנדערער געווארען. ער האט זיך ניט געפרואווט דעמאלט פארענטפערען פאר איהר. ער האט זיך ניט געהאלטען פאר שולדיג. לארי האט זיך איצט פאר איהר ארויסגעוויזען גאר אין אן אנדער ליכט. ער איז א ביליגע נאטור, און אלץ איז אין איהם געווען נאר אנשטעל.

די טיר פון עלינאר'ס צימער איז געווען האלב־אפען, ווען זי איז געזעסען אזוי פארקלערט. נאר אז זי האט דערהערט איהר מאמע'ס האסטיגע טריט זיך דערנעהנטערען אהער, האט זי זיך געמאכט ווי זי איז שטארק פארטאן אין לייענען, און זי האט איבערגעמישט א בלעטעל פונ'ם בוך. בעלא האט דאס גוט געזעהן. אבער עס זיינען ניט געווען קיין ווערטער צו קענען איהר טאכטער טרייסטען. איבער'ן גאנצען שטוב האט זיך געפיהלט א דריקענדיגער ארמעט, עס איז געווען, ווי די ווענט וואלטען געווען דורכגעזאפט מיט שטילקייט.

דער טעלעפאן האט זיך צוקלונגען, און ביי עלינאר'ן האט זיך אפגעריסען אין הארצען. עס האט א פרוי, א קאסטאמער, אפגערופען דער מאמען איהרער. עלינאר איז געווען צופרידען, וואס דער טעלעפאן־רוף איז ניט פאר איהר. אויב ער וואלט אפגערופען, לארי, וואלט זי צו איהם ניט קע־ [illegible]

אמאל געווען יונג, כ'האב אויך אמאל געליבט. וואס איז, די וועלט געהט אונטער?

— דו ביזט גערעכט, מאדהער — שמייכעלט צו איהר עלינאר איהר אומעטיגען שמייכעל.

בעלא'ן טוט־וועה דאס הארץ פאר איהר טאכטער. ווי זי זעהט דאס אויס! זי איז האלב־קראנק, זי האט זיך אזוי אפגעלאזען, זי איז ווי פארחלש'ט. און עלינאר, די וואס האט זיך קיינמאל ניט געלאזען פירען פון איהר דאמינירענדער מאמען, האט זיך איצט אויך מעהר צוגעהערט צו איהרע רייד. און עס איז איצט געווארען א גרעסערע נאהענטקייט צווישען דער מאמען און איהר טאכטער. עלינאר האט געזעהן ווי די מאמע ערגערט זיך, זי איז אראפ פון פנים די לעצטע פאר טעג. זי האט זיך געפיהלט שולדיג אנטקעגען איהר מאמען. „איך האב איהר גענוג הארצוועהטאג פארשאפט", האט זי א טראכט געטאן ביי זיך, „זי האט זיך גענוג אנגעליטען פון מיר". וועט זי דאס אמאל קענען גוטמאכען? זי האט דעמאלט, מעהר ווי אלעמאל, געוואונשען, געהאפט, אז איהר טאטע־מאמע זאלען זיך באזינען און עס זאל צוריק ווערען שלום צווישען זיי. איהר טאטע זאל קומען צוריק אהיים און עס זאל זיין א לעבען, ווי ביי אלע מענשען, ווי אין אלע היימען.

בעלא, פון איהר זייט, האט אויך געזוכט איהר טאכטער צו פארגרינגערן מיט וואס נאר זי האט געקענט. זי פלעגט אריינקומען אין איהר צימער מיט עפעס אן אויסרייד, האט אויסגעלעדיגט די אש־קעסטלעך, וואס זיינען פול געווען מיט עלינאר'ס אויסגערויכערטע פאפיראסען; זי האט צונויפגעקליבען די צעווארפענע פאפירען און צייטונגען איבער דער ערד.

— דו געהסט גארניט ערגעץ, עלינאר? — האט זי ביי איהר, אזוי צופעליג, א פרעג געטאן.

— וואו זאל איך געהן, מא?

— דו האסט דאך אזויפיל פריינט, מיידלעך און באים.

— איך וועל נאך געהן, אן אנדערש מאל.

אוודאי האט עלינאר'ן קיינמאל ניט אויסגעפעלט קיין פריינט. זי האט דאך געהאט א גאנצען „באנטש" בחורים און מיידלעך נאך איידער זי האט לארי'ן דערקענט. און צו יעדער צייט האט זי געקענט האבען א „דעיט" מיט אימעצען פון די באקאנטע בחורים. זי האט דאך ביי זיי אלעמאל אויסגענומען, און ניט־וועניג פארעהרער אירע זיינען געווען צווישען זיי. אבער איצט האט זיך עלינאר'ן געוואלט פארבאהאלטען פון זיי אלעמען. זי דארף קיינעם ניט האבען; זי האט אזוי ווי אנגעווארען דעם גרונט פון אונטער די פיס, און עס האט זיך איהר געדוכט, אז זי האט שוין ניט אויף וואס צו האפען, אזוי לאנג ווי זי וועט לעבען.

איינמאל נאר, אין א זונטאג פארנאכט, אז זי איז אזוי געזעסען ביי זיך אין צימער, האט זי א טראכט געטאן: „מען דארף יע ערגעץ צוגעהן, זעהן מענשען". עס האט זיך איהר שוין מעהר ניט געגלוסט צו ליגען איינגעגראבען אין קישען, אדער זיצען איבער א בוך און לייענען. האט זי זיך א ריס געטאן פון ארט. זי האט זיך גענומען וואשען און אנטאן. זי האט זיך געשטעלט אנטקעגען שפיגעל און זיך גוט אנגעקוקט. א פרעמדער פנים, אן אומעטיגער, אן ערנסטער. זי האט מיט'ן פינגער אנגערירט א פלאץ אין איהר באק, וואס איז געווען פארקנייטשט פון צופיל ליגען אויף דער קישען.

„יו אר עי פול, עי ביג פול" (דו ביזט א גרויסער נאר), האט זי זיך אליין אויסגעזידעלט. זי איז ארויס פון צימער אין קארידאר און אנגעטאן איר מאנטעל.

(ווייטערס — מארגען)

# מאקס געביל דערצעהלט

(שלום פון פעידוש 2)

וואס האט געשפילט דעם טייוועל, און שיסט ניט אריבער און איך כאפ א „שפריץ" פון דער קויל אויף דער באק. נו, האב איך דעם אקטיאר געדאנקט פאר זיין געשיקטליכקייט... און גע־מוזט גיין צו א דאקטאר צו באזייטיגען די שווארצע פלעקען אויפ'ן פנים. אט האט מיין חבר סעם שנייער, וועלכער האט געשפילט אין שיקאגא, געקראגען א שאס אין דער סצענע אויפ'ן פנים און עס זיינען אים געבליבען אויף שטענדיג צוויי שווארצע פלעקען אויפ'ן פנים.

די פיעסע „דער טייוועל" איז אין קליוולאנד געווען א גאנץ שעהנער ערפאלג, ווייל דער מחבר איז אן אונגאר, און ווידער האט די אונגארישע פרעסע שטארק געבוּמט די פיעסע און דער אונגארישער עולם, וואס איז אזוי גרויס אין קליוולאנד, איז געקומען מאסענווייז אין טעאטער. דערנאך האב איך אויפגעפירט אין מיינע איבערזעצונגען זודערמאנ'ס „די היימאט" און גריגארי' גע'ס פיעסע „טרילבי", און דאן אויך מיינע אן אריגינעלע פיעסע „איבערהעם לינקאלן". אבער ווידער איז געקומען דאס אומפארמיידליכע: מען האט געדארפט האבען ווי אין לעבען א שטארקע פיעסע, וואס זאל ציען די מאסען און זיי ברענגען אין טעאטער אריין.

און דא מאכט זיך אזא געשיכטע:

אין קליוולאנד איז דעמאלט געווען א גרויסע קלאדינג פירמע „פרינץ ענד בידערמאן", אונגארישע אידען, וועלכע האבען באשעפטיגט א סך אידישע ארבייטער. גייען די ארבייטער ארויס אין סטרייק און די באלעבאטים דינגען סטרייק־ברעכער, דעטעקטיווס, און עס קומט צו צוזאמענשטויסען צווישען די ארבייטער און די סטרייק־ברעכער, בעת וועלכער מען צע'כזיק'ט שטארק די ארבייטער. דאס האבען געטאן „שטארקע", וועלכע די פירמע האט געדונגען עקסטרא פאר דעם צוועק.

דער סטרייק האט זיך גענומען ציען און דאס האט אנגעהויבען ווירקען אויף די געשעפטען פון אונזער טעאטער, ווייל א סך פון די ארבייטער ביי פרינץ און בידערמאן זיינען געווען פון אונזערע געשוואוירענע טעאטער־קאסטאמערס.

די סטרייקערס האבען זיך אויך געפונען אין א שווערער מאטעריעלער לאגע און צו דעם אלעם האבען זיי זיך אויך גענייטיגט אין „פאבליק אפיניאן", ווייל די קאפיטאליסטישע פרעסע איז געשטאנען אויף דער זייט פון די באלעבאטים. איך האב זיך נאענט באקענט מיט'ן ארגאנייזער פון דער יוניאן, אין וועלכער די סטרייקערס זיינען געווען מעמבערס. ער (ליידער געדענק איך בשום אופן ניט זיין נאמען) פלעגט אפט קומען צו אונז אין טעאטער, און ווען מיר האבען זיך איינמאל שטארק צערעדט וועגען דעם סטרייק, האט ער ביי מיר געבעטען אן ערלויבעניש צו ריידען פון דער בינע צום עולם וועגען סטרייק. איך האב דערצו גלייך מסכים געווען. אבער איך בין דאך ניט דער באלעבאס, האב איך וועגען דעם געמאלדען דעם מענעדזשער.

— וואס רעדט איר! — האט דער מענעדזשער מיר געזאגט — איר ווייסט וואס איר גייט טאן? איר גייט אנהייבען א קאמף מיט אזא פירמע ווי פרינץ און בידערמאן? איר ווייסט ווי מעכטיג זיי זיינען?

איך האב אבער אויפגעוויזען אונזער מענעדזשער, אז אונזערע באזוכער זיינען ניט די פרינץ און בידערמאנס, נאר זייערע ארבייטער, און דווקא דורכדעם וואס מען וועט פון אונזער בינע ריידען א גוט ווארט וועגען די ארבייטער, וועלען מיר געווינען די עפענטליכע מיינונג פאר אונזער טעאטער. און איך האב געוואונען די צושטימונג פון אונזער מענעדזשער. און קוים האב איך געוואונען זיין צושטימונג, האב איך געמאכט א שריט ווייטער און האב אים אויפגעוויזען, אז מיר דארפען טאקע ארויסקומען מיט אונזער אפענער סימפאטיע פאר דעם סטרייק און מיר דארפען אראפגעבען פראצענטען פאר די סטרייקער.

אויך דאס האט מיר דער מענעדזשער נאכגעגעבען, און אזוי האט דער ארגאנאיזער פון דער יוניאן אנגעהויבען ארויסצוטרעטען אויף אונזער בינע ביי אונזערע פארשטעלונגען און באקאנט געמאכט די טעאטער־באזוכער מיט דער לאגע פון די ארבייטער, און פון די פראצענטען וואס מיר האבען אראפגעגעבען פון די טיקעטס, האבען די סטרייקער געהאט א שטיקעל איינגאמע.

צווישען די סטרייקערס איז געווען א יונגערמאן, וואולף, וועלכער האט פון זיינע פארדינסטען אויסגעהאלטען זיין מוטער. האבען אים די סטרייק־ברעכער אזוי צעשלאגען ווען ער האט גע־פיקעט, אז מען האט אים געמוזט אוועקנעמען אין האספיטאל. דאס האט געמאכט זעהר א שטארקען איינדרוק אין שטאט.

די גאנצע געשיכטע מיט'ן סטרייק איז מיר שטארק אריינגעגאנגען אין דער נאז, און איך האב אנגעהויבען טראכטען צי עס וואלט ניט געווען גוט צו מאכען א צייט־פיעסע פאר אונזער טעאטער פון דער גאנצער געשיכטע. איך האב זיך צונויפגערעדט מיט'ן ארגאנאיזער. ער האט מיר איבערגעגעבען א סך איינצעלהייטען וועגען דעם סטרייק. ער האט מיך אריינגעפירט אין די הינטער־קוליסען פון דעם סטרייק, און ניט לאנג געטראכט, האב איך אנגעשריבען א פיעסע, וועלכע איך האב טאקע א נאמען געגעבען: „דער פרינץ און בידערמאן סטרייק". נאטירליך, האב איך אין דער פיעסע אויך אריינגעפירט א ליבעס־געשיכטע, וואס דער יונגערמאן וואולף האט טאקע געהאט, ווארים בלויז אן עקאנאמישע פראבלעם קען ניט פאראינטערעסירען דעם באזוכער. אבער דער עיקר פון דער פיעסע איז פארט באשטאנען וועגען די מאטיווען פון סטרייק, די געשעהנישען ארום דעם סטרייק און די ליידען פון די ארבייטער.

כדי צוצוגעבען דער פיעסע א מער נאטירליכען כאראקטער, איז מיר איינגעפאלען א פלאן, וואס איך האב טאקע דורכגעפירט, און דאס איז געווען דאס ערשטע און איינציגע מאל וואס אזא זאך איז דורכגעפירט געווארען אין אידישען טעאטער.

(וואס איך האב געטאן און ווי אזוי מען האט מיך געוואלט ארעסטירען פאר דער פיעסע, וועל איך דערציילען אין קומענדיגען קאפיטעל.)

## גראדנער יארצייט־פארזאמלונג היינטיגען זונטאג ביטאג

היינטיגען זונטאג, 23טען אפריל, פונקט 1 אזייגער ביטאג, אין וועבסטער האל, 119 איסט 11טע סטריט, צווישען 3טע און 4טע עוועניוס, ניו יארק, וועט אפגעהאלטען ווערען דער 7טער יארצייט נאך די איבער 25 טויזענט גראדנער קדושים, וועלכע זיינען ערמארדעט געווארען פון די דייטשע רוצחים. דער באוואוסטער גראדנער לאנדסמאן, הרב יצחק גראזאלסקי, וועט מאכען דעם הספד און זאגען קדיש. זאל קיינער פון די גראדנער ניט פעהלען צו דעם דאזיגען הייליגען יארצייט. זאלען אויך ניט פעהלען די ניט־לאנג צוריק אריבערגעקומענע גראדנער.

# מענשען וואס באגעהען זעלבסט־מארד אויס ליבע

(שלום פון פעידוש 2)

מענש איז אריין אין א נייער ראל: ער האט זיך פארליבט אין טויט.

די ליבע צום טויט און פארניכטונג איז אזוי אלט ווי דער מענש אליין. זעלבסטמערדער זיינען געווען אין אלע צייטען. פאראן אזוינע, וואס די ליבע צום טויט נעמט־אן ביי זיי דעם כאראקטער פון ליבע צו פארברעכען, דאס הייסט: זיי ווילען יענעם הרג'ענען און זיינען דערביי גרייט צו ריזיקירען זייער אייגען לעבען. פאראן אנדערע, וואס ווילען דירעקט דערהרג'ענען זיך אליין.

צווישען די הונדערטער טויזענטער מענשען, וואס זיינען אין דער צייט פון די קרייץ־צוגען געלאפען אויסלייזען ירושלים פון די מוסולמענער, האבען זיך געפונען פיל אזוינע ליבהאבער פון טויט. עס איז געווען א וועג א שרעקליכער, עס האבען געבושעוועט עפידעמיעס. די מענשען זיינען געפאלען פון הונגער, קראנקהייטען, און שפעטער־צו אויך פון דער שווערד פון שונא. די צאל אמת־פרומע קריסטען איז געווען א קליינע. די מערסטע האבען מארשירענדיג געבראכען אלע קריסטליכע געזעצען. אבער מען האט זיך געשלעפט מיט די לעצטע כוחות.

יעדע מלחמה, יעדע רעוואלוציע, יעדע אוואנטורע נויטיגט זיך אין דעם סארט מענשען, וואס דאס לעבען האט נישט ביי זיי קיין ווערט. זיי זיינען די יעניגע, וואס שלעפען אריין מיט גוואלט אנדערע. ווייל צווישען מארד און זעלבסטמארד איז אפט פאראן א קליינער אונטערשייד. עס איז טרויעריג, אבער אט־די קראנקהייט איז פיל מער פארשפרייט צווישען מענער ווי צווישען פרויען. ספעציעל איז דאס דער פאל מיט די אזוי־גערופענע „הונדערט־פראצענטיגע" מענער. דער הונדערט־פראצענטיגער מאן האט נישט קיין מורא, איז גרייט צו ריזיקירען, איז פון דער נאטור קעמפעריש. זיי זיינען די יעניגע, וואס נעמען אויף זיך אלע שוועריגקייטען, אלע געפארען, אלע ריזיקעס. די פרוי און דער מאנסביל, וואס האט אין זיך ווייבערשע שוואכקייטען, קאנען נישט פארשטעהן אט־דעם סארט הפקרות. אבער זי עקזיסטירט אין אלע דורות.

צוויי טויזענט יאר גלות האבען פון אידען צוגענומען א היבש ביסעל „מאנסבילשקייט". אבער ווען דער איד האט מנוחה, ווי עס איז דער פאל אין אמעריקע, אדער ווען ער ווערט ערצויגען אויף דער שוים פון דער נאטור, ווי אין ארץ־ישראל, וואכט אויף אין אים אין די העלדישקייט, די גרייטקייט צום קאמף, די מאנסבילשע לייכטזיניגקייט. ווי מאדנע דאס זאל נישט זיין, נאר פיזישער כוח גייט אפט האנט־ביי־האנט מיט ליבע צום טויט. וואס שטארקער דער מענש, וואס שטארקער עס זיינען זיינע נערוועז, אלץ וועניגער האט ער מורא פאר פארניכטונג.

די ערפארונג באווייזט, אז פעלקער, וואס פארלירען אט־די קעמפערישקייט, אט־די לייכטזיניגקייט, גייען אונטער, אדער ווערען שוואך און פארשקלאפט. די עקזיסטענץ פון יעדען פאלק, פון יעדער גרופע, פאדערט א מין מענליכקייט, העלדישקייט, קאמף־גרייטקייט.

לאמיר געבען א פשוט בילד: א גרופע מענשען ווערט באפאלען פון אן אנדער גרופע. צווישען די באפאלענע זיינען פאראן אזעלכע, וואס קאנען נישט און ווילען נישט געבען קיין ווידערשטאנד. עס זיינען די פרויען, די עלטערע מענער און די מענער, וואס זיינען גלאט נישט גענויגט צו קיין קאמף. זיי קאנען נישט און ווילען נישט ריזיקירען מיט'ן לעבען. זיי ווילען בעסער דינען, אדער אומקומען אויף א פאסיווען שטייגער. עס מוזען אין דער גרופע זיין אזעלכע, וואס טראכטען נישט צופיל, קווענקלען זיך נישט, ציטערען נישט פאר דער הויט, נאר גייען אויף די פאדערשטע פאזיציעס. אין א געוויסען זין זיינען זיי זעלבסטמערדער. אבער זיי האלטען אויף די גרופע, דאס פאלק. די טראגעדיע איז וואס די יעניגע, וואס זיינען היינט די פארטיידיגער, קענען מארגען זיין די אנפאלער. עס זיינען אט־די מענשען, וואס קוילערן דאס ראד פון דער געשיכטע.

מיר האבען זיך אין דעם ארטיקעל אויך א היבש ביסעל אוועקגעקוילערט. מיר האבען אנגעהויבען מיט אן איינצעלנעם זעלבסטמערדער און מיר זיינען אוועק צו דער פראבלעם פון קאמף און פארטיידיגונג אין א ברייטען זין. אבער אין גרונט זיינען די זאכען נעהענטער צו זיך ווי עס דוכט זיך אויס. עס איז פאראן א געוויסע פסיכאלאגישע קרובה'שאפט צווישען דעם מאן, וואס דערשיסט זיך ביי זיך אין האטעל, און דעם מאן וואס גייט פרייוויליג אין קריג, און דעם מאן וואס שטעלט־איין זיין לעבען אויסצופרובירען א נייעם עראפלאן. אין יעדען פון זיי דרימעלט אן אינסטינקט פון זעלבסט־פארניכטונג, כאטש די מאטיווען זיינען אין יעדען פאל אנדערע. עס איז א פאקט, אז צווישען פרויען איז די צאל זעלבסטמארדען בלויז א דריטעל ווי ביי מענער, כאטש די צאל ליבע־טראגעדיעס איז ביי זיי פיל גרעסער ווי ביי מענער. עס איז א פאקט, אז אויך ביי חיות זיינען די „ער'ס" די יעניגע, וואס פירען קריג, טויטען זיך און אנדערע און קריכען אין אלערליי געפארען.

די ליבע צו קאמף, צו געפאר, צו זעלבסטפארניכטונג איז די גרעסטע טראגעדיע פון מענליכען געשלעכט. ריין ביאלאגיש קען דאס עקרלערט ווערען מיט דעם פאקט, וואס איין „ער" קען באפרוכפערען א סך „זי'ס", און די „ער'ס" זיינען דעריבער וויניגער נויטיג פאר דעם מין. די עטיק, די מאראל, שטרעבט פאקטיש דערצו, אז די מאנסלייט זאלען אויפהערען צו זיין אזוינע הונדערט־פראצענטיגע „ער'ס", און אז זיי זאלען מער ליב האבען דאס אייגענע לעבען און יענעמ'ס לעבען.

אין דער הינזיכט גייט די עטיק געגען דער נאטור. זי איז א פרואוו צו ליקווידירען דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ און אים פארטרעטען מיט כללים פאר דער עקזיסטענץ.

# אויגוסט קלעסענס

(שלום פון עריטאריעל פעידוש)

נערט זיינע אנדערע טעטיגקייטען. ער רעדט און שרייבט און איז א לערער און אן ארגאנאיזער, און גיט זיך אפ מיט פראקטישער פאליטיק ווי אלע מאל.

ווען איינער, וואס איז ניט באקאנט מיט אגוסט קלעסענס און אויך ניט מיט אונזער באוועגונג, זאל זעהן ווי פיל ארבייט קלעסענס טוט, וואלט ער געמיינט, אז קלעסענס איז זעהר א רייכער מאן, אז ער האט שוין געמוזט אפשפארען א פארמעגען. האב איך מורא, אז ווען ער פרעגט קלעסענס'ען וואס ער האט פון זיין ארבייט אפגעשפארט, וואלט ער געענטפערט דאס וואס אן אנדער ארבייטער האט געענטפערט: „איך האב אפגעשפארט א קרענק". און ליידער איז דאס ניט קיין וויץ, נאר א טרויעריגער אמת.

אין טרעיד־יוניאן קרייזען האב איך געהערט, אז מ'טראכט דארטען צו באשאפען עפעס א פאנד, וואס זאל פארזארגען אגוסט קלעסענס'ען מיט א געוויסער פענסיע אויף דער עלטער. קיינער האט דאס מיר ניט אנגעגעבען אויף זיכער. אויף ווי ווייט איך ווייס איז דאס דערווייל בלויז א פלאן, וועגען וועלכען מ'טראכט אין די ארבייטער־קרייזען. לאמיר האפען, אז דאס וועט פארווירקליכט ווערען. עס איז א יושר, אז אזא טיכטיגער און פעהיגער ארבייטער ווי אגוסט קלעסענס זאל כאטש אויף די עלטערע יארען ארונטערוואַרפען דעם עול פרנסה. עס וואלט געווען גאר פאסענד דאס צו טאן צו זיין 65טען געבורטסטאג.

דאס וואס קלעסענס איז ערצויגען געווארען אין דער קאטוילישער רעליגיע איז געווען א צופאל, וואס ניט ער האט געפלאנעוועט און ניט ער האט געהאט די דעה. אבער דאס וואס ער האט צוויי מאל געהייראט אידישע מעכטער — דאס האט ער שוין אליין געטאן. זיין ערשטע פרוי איז געווען א אידישע מיידעל, הילדא גאלדשטיין, מיט וועלכער ער האט אויף דער וועלט געבראכט צוויי טעכטער. ווען זי איז געשטארבען האט ער, נאך עטליכע יאר טרויערען, געהייראט א צווייטע פרוי, און גראד ווידער א אידישע טאכטער — אנא גלאזמאן. ער רעדט מיט א סך ווארימקייט און ליבע וועגען זיינע ביידע אידישע ווייבער.

צו זיין 65טען יאר באגריסען מיר אים פון טיפען הארצען און ווינשען אים נאך א סך געזונטע און פרוכטבארע יארען.

# דאס אידישע פאריז טרויערט אויפ'ן טויט פון לעאן בלום

(שלום פון פעידוש 2)

מענשען, וואס זיינען מיט צענדליגער יארען צוריק געקומען פון זייערע שטעטלעך קיין אמעריקע, אין מיט זייער ענערגיע, פלייס און איבערגעבענקייט אויפגעבויט אזעלכע וואונדערבארע אינסטיטוציעס, וואס גיבען צו אזויפיל שיינקייט און גייסטיגע רייכקייט דעם אמעריקאנער אידישען לעבען.

א פאר ווערטער וועגען זיין לעצטען ארטיקעל פאר'ן „פארווערטס".

מיט א צייט צוריק זיינען אין דער פראנצויזישער פרעסע ערשינען עטליכע ארטיקלען פון קאטוילישע שרייבער, וועלכע האבען אנגעוויזען, אז עס איז געווען א פעלער, וואס פראנקרייך האט זיך אזוי איינגע'עקשנ'ט ביים שטיצען די שטעלונג פון די אראבער, פויפסט און די סאוועטען ארום דער פראגע ירושלים. בלום האט דאס געהאלטען פאר א גוטען סימן פון דער צייט, וואס גראד קאטוילישע שרייבער האבען געמאכט אזעלכע ארויסטריטען. ער איז שוין דאן אויך געווען אינפארמירט וועגען די פארשידענע זייטען פון דער פראגע און האט באשלאסען אנצושרייבען דעם ארטיקעל פאר'ן „פארווערטס", וואס די לעזער האבען אים ש'ין געלייענט.

און ווי סימבאליש דאס איז אויסגעפאלען, וואס גראד דעם לעצטען ארטיקעל אין זיין לעבען האט לעאן בלום געשריבען פאר די אידישע ארבייטער, פאלקס־מענשען און אינטעליגענץ — פאר די לייענער פון „פארווערטס". און געווען איז דער דאזיגער ארטיקעל, ווי שוין באוואוסט, ניט וועגען אינטערנאציאנאלע אדער פראנצויזישע פראגען, ווי ער פלעגט דאס אפט שרייבען פאר'ן „פארווערטס"; נאר געווען איז דער ארטיקעל וועגען ירושלים, וועגען מדינת ישראל.



# אַ לעבּען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

### אַז מאַן און ווייב האָבען זיך ליב פרעהען זיך די מלאכים אין הימעל

סעם האט נישט געוואוסט וועגען זיין מוטער'ס ליידען דא אין הויז. ער האט נישט געוואוסט, אז מען מאכט פון זיין האלב־בלינדער מאמען א דינסט צו הער שווערסטער ארבייט. חנה איז געווען גליקליך, אז זי קאן צו עפּעס צוניץ קומען, אז זי קאן מיט עפּעס העלפען דער ווירטשאפט. אבער צוליב אירע בלינדע אויגען האט זי נישט געטאן די ארבייט ווי עס געהער צו זיין. און בעקי פלעגט גלייך שרייען:

„נו, יא, די גרינהארנס האבען דען אמאל געגעסען פון „טשייקע" (פאר־צעליי). גיב א קוק ווי די גרינהארן האט אויסגעוואשען די „דישעס". אוודאי, זיי זיינען דאך געוואוינט צו עסען אין בלעכענע אדער ערדענע כלים."

חנה האט נישט געענטפערט מיט קיין איין ווארט. זי האט אראפּגע־שלונגען די באליידיגונגען און געשווי־גען.

סעם האט וועגען דעם נישט גע־וואוסט. ער האט ערלויבט מען זאל אים דענידעריגען, באליידיגען ביי יעדען ווארט. אבער ווען ער האט גע־זעהן, אז מען רעדט צו זיין מוטער מיט גרינגשעצונג, מען גיט איר נישט אפּ די געהעריגע אכטונג, האט ער דאס נישט געקאנט פארטראגען.

ווען ער פלעגט אהיימקומען, איז ער אריינגעלאפען אין צימער פון זיין מו־טער און געקוקט אין אירע האלב־בלינדע אויגען, צי זי האט נישט גע־וויינט אין זיין אבוועזענהייט. ער האט באלד דערקענט אז אירע אויגען ווען זי האט יא געוויינט.

אבער זי, די מאמע, האט געשמיי־כעלט און צערטלענדיג זיינע האר, האט זי געפרעגט:

— וואס קוקסטו מיך אזוי אן, מיין זוהן?

— פיהלסט זיך גוט, מאמע? וואס האסטו געטאן די גאנצע צייט? האט דיך קיינער נישט באליידיגט, מאמע?

— חלילה, מיין קינד! — האט זי גיך געענטפערט. — פאר וואס זאל מען מיך באליידיגען? איך טו קיינעם קיין שלעכטס נישט, און דאינעלע איז דאך א גאָלדען קינד.

סעם פלעגט א זיפץ טאן און שוויי־גען, און חנה פלעגט ווייטער רעדען:

— פאר וואס זאל מען מיר שלעכטס טאן?

ער איז געווען זיכער, אז זי, די שטילע טויב, טוט געווים קיינעם קיין שלעכטס נישט. אבער איר, צי טוט אויך איר קיינער נישט קיין שלעכטס! ער האט שוין גוט געקאנט בעקי'ס כא־ראקטער.

און חנה, צערטלענדיג זיינע הענט און גלעטענדיג זיינע האר, האט צו־געגעבען:

— איך האב זיך צוגעהערט צו דער רעדיא, מיין זוהן. זעהר שעהנע מו־זיק. אבער געה בעסער אריין צו דיין ווייב, זי ליידט נעבאך. זי האט א שווער טראגען, זעהר א שווער טראַ־גען. א יונג ווייבעל האט ליב, אז איר מאן זאל זיין נעבען איר. געה אריין, מיין קינד.

סעם האט געהערט די ווערטער און אים האט געשטאכען אין יעדען גליד. ער האט אבער נישט ארויסגעוויזען פאר זיין מאמען זיינע יסורים. זאל זי כאטש זיין גליקליך, זאל זי נישט וויסען וואס אין זיין הארצען טוט זיך.

און זיין מאמע האט ווייטער גע־רעדט:

— אזא צארט, פיין ווייבעלע, אזא גוטע. ווען דו ביסט נישטא לאזט זי מיך נישט אליין. זי רעדט מיט מיר, פרעגט מיך אויס אויף דיר. אפנים, זי האט דיך שטארק ליב. וואס שעהמסטו זיך, מיין קינד? וואס דרעהסטו אוועק דיין קאפּ? אז מאן און ווייב האבען זיך ליב, פרעהען זיך די מלאכים אין הימעל.

סעם האט דערשטיקט דעם זיפץ, וואס האט זיך ארויסגעריסען פון זיין הארצען.

די ארימע מוטער איז געווען גליק־ליך וואס גאט האט אים צוגעשיקט אזא וואוילע פרוי. דערצו אזא רייכ־טום. ער דארף נישט זארגען וועגען פרנסה. אן עלעגאנטע וואוינונג. זי איז געווען גליקליך מיט איר זוהנ'ס גליק. און באלד וועט זי ווערען א באבע, ניאנטשען איר אייניקעל...

דאס וואס זי ליידט, וואס מען ווארפט איר כסדר פאר, אז זי עסט פרעמד ברויט, דאס וואס מען מאכט איר דעם טויט, — שלינגט זי דאס אלץ אראפּ, וויינט זיך אויס ביינאכט אויפ'ן געלעגער. איר זוהן זאל נישט זעהן אירע טרערען...

דערפאר טרייסט זי זיך, וואס באלד וועט זי ווערען א באבע. אזא גליק! אזא גרויס גליק!

זי ווייסט נעבאך נישט, די אומ־גליקליכע מוטער, פון איר זוהנ'ס שווערע ליידען, פון זיין פיין און יסורים...

אזוי נארען זיך ביידע געגענזייטיג, מוטער און זוהן, מיינענדיג, אז זיי ווילען נישט פארשאפען ליידען איי־נער דעם אנדערען, און צו ליידען איז די אומגליקליכע מוטער געוואוינט.

קאן זי דען דערצעהלען די ליידען פון א מוטער, ווען מען נעמט ביי איר צו אירע יונגע, שעהנע בוימער, אירע קינדער, פאר קאלד־אייוען? ניין, אפילו איר איינציגער זוהן ווייסט נישט וואס זי האט איבערגעלעבט. אפילו אים האט זי נישט דערצעהלט.

קען מען דערצעהלען די שרעקליכע יסורים פון א מאמע, וועלכע איז ארומ־געלאפען משוגע צוליב איר גרויס אומ־גליק, צוליב דעם וואס זי האט געזעהן ווי מען האט אירע קינדער לעבעדי־גערהייט געווארפען אין גרוב אריין? חנה אליין געדענקט נישט ווי אזוי זי איז משוגע געווארען און ווי אזוי זי איז געזונט געווארען. ניין, זי ווייסט עס נישט, קיינער וועט עס סאיי־ווי נישט באנעמען.

חנה האט נישט דערצעהלט, נישט געוואלט קיינעם מער זיין, געדריקט דעם וועהטאג און געזאגט צו זיך: „אבי מיין זוהן איז גליקליך." זי האט געזוכט פלענער ווי אזוי אוועקצוגעהן פון דאנען און דערביי נישט פארשאפּ־פען איר זוהן קיין פארדרוס.

אויך איר גוטער שנור האט זי נישט געוואלט פארשאפען קיין פיין. זי האט לזעהר ליב געהאט דאינעלען. אבער זי ווייסט, חנה, אז מען וויל זי דא נישט האבען. אבער וואו זאל זי געהן?

ווידער האט זיך חנה געפיהלט אז איבעריגע אויף דער וועלט. צוליב דעם האט זי זיך געראטעוועט פון אזוי פיל טויטען? צוליב דעם איז זי געלאפען טויזענטער מאילען, אז מען זאל זיך איצט ווארפען מיט איר?

צו וואס בין איך געבליבען לעבען? צו וואס? כדי מיין קינד זאל האבען צרות דורך מיר?

חנה האט געמיינט, אז דאס וואס מען באליידיגט שטענדיג איר זוהן, איז דאס צוליב איר.

די ארימע האט אנגעהויבען פלאנע־ווען מיטלען ווי אזוי אוועקצוגעהן פון דאנען.

יוען איך וועל דא נישט זיין, וועט אים זיין גרינגער, האט זי געטראכט.

חנה האט אנגעהויבען מאכען פלע־נער ווי אזוי צו פארלאזען דאס דאזיגע הויז. זי האט כסדר געזוכט, גע־פארשט. כמעט נלינדערהייט האט זי זיך ארויסגע'גנב'עט פון הויז געוואויר צו ווערען צי מען וועט זי אריינעמען אין א מושב זקנים.

חנה איז אבער גיך געוואויר גע־ווארען, אז אפילו פאר א מושב זקנים מוז מען האבען געלט. אין ערגיץ נעמט מען נישט אריין אומזיסט.

איר לאגע איז געווארען פון טאג צו טאג שווערער. אירע אויגען קראנ־קער, און זי ווערט אלץ מער איבעריג.

איר זוהן האט עפּעס מיט זיין אינ־סטינקט דערפיהלט, אז זיין מאמע פיהלט זיך נישט זעהר גליקליך. אבער וואס האט דער ארימער געקאנט טאן?

ער האט שוין באשלאסען, אז ער וועט נעמען פאר איר א צימער ביי א פאמיליע און ער וועט הארעווען שווער, אבי צו צאלען פאר זיין מאמען דירה־געלט. אבער וואס טוט מען מיט אירע קראנקע אויגען? זי קאן דאך נישט זיין אליין...

זי האט געמוזט האבען כסדר א מענ־שען, וועלכען זאל דינען אירע בלינדע אויגען. און ווען זי האט איינמאל זיך ארויסגערעדט פאר דאינע'ן, איר שנור, אז זי וואלט וועלען זיין באזונ־דער, האט דאינע, וועלכע האט אין דער עלטערער פרוי געפונען אזא פריינט, נישט געוואלט הערען דערפון. דאינע האט דאך גוט געוואוסט, אז אויך שמואל וועט לאנג נישט זיין אין זייער הויז. זאל נאר גאט געבען, זי וועט בשלום אריבערקומען, זי וועט האבען די בעיבי. האט דאך שמואל צוגעזאגט איר צו געבען א גט, און זי איז זיכער געווען מיט שמואל'ס ווארט. אפשר מיט דער צייט וועט זיך איר העררי אומקערען. צו וואס דער עלטערער פרוי פארשאפען פאר־דרוס? זאל זי נאך דא זיין דאס שטי־קעל צייט. עס וועט דאך שוין לאנג נישט דויערען, באלה, באלד...

(ווייטערס מארגן)

## ביישטייערונגען פון „פאָרווערטס" לעזער פאר'ן 1950 מעות חיטים קאמפּיין

2טע ליסטע

[illegible]

3טע ליסטע

[illegible]

צוזאמען: $835.00
פון פריערדיגע ליסטעס: $1,455.00
נייער סאַמאַל: $2,290.00

שיקט ביישטייערונגען צו: MOHOTH CHITIM CAMPAIGN, JEWISH DAILY FORWARD, 175 E. Broadway, New York 2, N. Y.

## ווִסענשאַפטמאַן ערקלערט פאַר־וואס מיליאָנען האבען ליב מאַר דערנע טשוינגאַם נאָך לאַקסאַטיוו

[illegible]

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ־ אַסקין

(פאָרטזעצונג)

„איך ווייס ניט ווי דו קענסט לע־בען מיט אַזאַ מאַן“, פלעגט זי איהר כסדר זאָגען.

יע, אַדעלאַ האָט אַ גרויסען חלק אין איהר צושטערטען לעבען. ווען ניט זי, וואָלט אפשר גאָרניט געקומען צו דעם, אַז זי זאָל זיך דאַרפען צעגעהן מיט סעמ'ען, איהר מאַן. איצט, נאָך די עטליכע פאַרלאָפענע יאָרען, זעהט איצט בעלאַ זאַכען אַנדערש. אַדעלאַ האָט איהר קיין גוטס ניט געטאָן. אַ זייטיגער מענש טאָר זיך ניט אַריינ־מישען אין דעם צוזאַמענלעבען צווי־שען מאַן און ווייב.

נאָר בעלאַ האָט ניט געקענט זיך פאַרגינען איינצורייסען מיט אַדעלאַ'ן. זי האָט איר געדאַרפט האָבען, זי איז געווען ביי איר פון די גרעסטע קאָס־טאָמערס, האָט געקענט אָנקויפען אַ סך דרעסעס פאַר איין מאָל, און וועגען פרייז האָט זי ניט געפרעגט, נאָר באַ־צאָלט וויפיל מען האָט איר גע־זאָגט. אויסער דעם האָט אַדעלאַ גע־קענט איר צוניץ קומען אין אַ סך אַנדערע ענינים. בעלאַ האָט זיך אַרומ־געטראָגען מיט פּלענער אויסצובריי־טערען אירע ביזנעס. שוין לאַנג האָט זי גע'חלומ'ט פון האָבען אַן אייגענע סטאָר ערגעץ דאַון־טאַון, אין מאַנ־העטען, צו נעמען אַ מענשען, וואָס זאָל איר אַרויסהעלפען אין איר אַר־בייט. עס איז דעמאָלט אַריין אין דער מאָדע, אַז די באַפּוצונג אויף אַ דרעס זאָל זיין „הענד־מעיד“ (אויסגענייט מיט דער האַנט), „ראַשען סטאַיל“. בעלאַ האָט איינע פון די ערשטע אויפ־געכאַפּט דאָס אַנקומען פון דעם נייעם סטאַיל. זי האָט אַנגעקויפט אַ גרויסען „סטאָק“ וואָרע, און זי האָט געהאָפט צו פאַרדינען ביי דעם אַ סך געלט.

בעלאַ'ס קאָפּ איז דעמאָלט פול גע־ווען מיט אַלערליי נייע פּלענער. זי האָט געוואָלט אָנהויבען פאַרקויפען אַלערליי „נאָוועלטיס“. געפּאַרבטע שאַלען, בראָשעס, קאָרעלען, אַלץ אַזעלכע שעהנע זאַכען, וואָס פרויען האָבען ליב צו טראָגען. עס איז פאַר איר אַלץ נויטיגער געוואָרען זי זאָל עפענען אַ סטאָר. בעלאַ האָט ניט ליב געהאַט אָפּצולייגען זאַכען אויף שפּע־טער. אַז זי האָט עפּעס פאַרקלערט האָט זי עס באַלד געמוזט דורכפירען. און זי איז שוין אפילו געווען אָנקו־קען אַזאַ סטאָר אויף דער פינפטער עוועניו, וואָס וואָלט זיך פאַר איר גוט געפּאַסט.

צו אַזאַ אונטערנעמונג האָט מען געמוזט האָבען גענוג געלט. אַביסעל געלט האָט שוין בעלאַ געהאַט אָנגע־קליבען, וואָס זי האָט עס געהאַלטען אין באַנק, אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. זי האָט זיך וועגען דעם שוין דורכגערעדט מיט איר קרובה, אַדעלאַ, און יענע האָט איר צוגעזאָגט אַרויס־צוהעלפען, ווען עס וועט זיין נויטיג:

— אַז דו וועסט מיר נאָר דערמאָ־נען. ווייסט דאָך, מיר זיינען דאָך פּאַרט אייגענע...

אַדעלאַ האָט אויך צוגעזאָגט, אַז זי וועט איר קריגען רייכע קאַסטאָמערס. דעמאָלט, ווען זי, בעלאַ, וועט עפע־נען די סטאָר אויף דער פינפטער עווע־ניו. אַרום און אַרום האָט בעלאַ ניט געקענט זיך פאַרגינען איינצורייסען זיך מיט איר שוועסטער־קינד, אַדע־לאַ. דעם אמת געזאָגט האָט זי איצט פון דעם אַלץ איבערגעטראַכט מיט אַ שווער האַרץ. זי איז ניט געווען אײַנ־גאַנצען זיכער, אַז דער פּלאַן אירער וועגען אַ סטאָר וועט זי קענען דורכ־פירען. אויף אַדעלאַ'ס וואָרט איז שווער עפּעס צו בויען, זי איז אַ צע־וואָרפענע נאַטור, אַ צעפּאָרענע, און היינט קען זי זאָגען אַזוי און מאָרגען אַנדערש. איינמאָל, אַז מען טרעפט איר אָן אויף אַ גוטער מינוט, קען זי אַוועקגעבען אַ סך, אָפּשיטען יעד־נעם מיט מתנות. און אַן אַנדערס מאָל האָט זי געקענט איבערקערען אַלץ אין אָנהויבען רײַדען פון דעם, ווי מענ־שען ווילען איר נאָר אויסנוצען; און עס האָט זיך איר נאָר געדאַכט, אַז מען וויל איר רואינירען, באַראַבעווען. בע־לאַ האָט איר רייכע קרובה גוט גע־קענט, און ניט איינמאָל האָט זי שוין געמוזט אַראָפּשלינגען אַ באַליידיגונג, ווען עס איז אויסגעקומען מיט איר צו האַנדלען. נאָר בעלאַ האָט געהאַלטען פון דעם ווערטעל: „אַז מען דאַרף דעם גנב שניידט מען פון דער תליה“. האָט זי באַשלאָסען נאָך דעם קומענ־דיגען זונטאָג איינצולאַדען אַדעלאַ'ן מיט איר מאַן צו זיך אויף אַ מיטאָג. זי האָט איר אָנגערופען אין טעלעפאָן און אַדעלאַ האָט צוגעזאָגט קומען. בעלאַ האָט נאָר געהאָפט, אַז זי זאָל אָנטרעפען אַדעלאַ'ן אויף אַ גוטער מינוט, און זי זאָל מיט איר קענען רײַדען וועגען לייען ביי איר געלט פאַר אירע פּלענער.

## קאַפּיטעל ניין און צוואַנציג

אַדעלאַ לאָאיס, די רייכע קרובה בעלאַ'ס, איז אַריינגעפאַלען צו בעלאַ'ן אין שטוב אין יענעם זונטאָג בייטאָג, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט, און ווי אַלע מאָל האָט זי געבראַכט מיט זיך אַ סך טומעל און רעש. ביידע פרויען האָבען זיך צעקושט. אַדעלאַ האָט פאַר־שפּרייט אַרום זיך דעם ריח פון שטאַר־קען פּאַרפיום און פּודער. זי האָט געטראָגען אַ גרויסען הוט מיט אַ פע־דער. אַליין איז זי געווען אַ נידעריגע, מיט אַ פולען פּנים, אַ שווער־לייביגע, איינגעצויגען אין אַן ענגען קאָרסעט. אירע געלבליכע האָר זיינען געווען ווי פאַרנעצטע זאַנגען אויפ'ן קעלד. די ברעמען אויסגעצופּטע, און אויף זייער אָרט זיינען געווען אָנגעצייכענט דינע, שוואַרצע ליניעס, ווי פּעדימלער.

— איך האָב געמיינט דו וועסט קו־מען מיט דיין מאַן — האָט בעלאַ זיך געוואונדערט.

— מיין מאַן? — האָט אַדעלאַ נאָכלעסיג געגעבען אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט. ווי וועגען אַ זאַך, וואָס עס איז ניט וויכטיג צו רעדען — ער וועט ערגעץ גיין? ער האָט זיך צוגעלייגט ער שלאָפט...

זי האָט זיך געגעבען אַ זעץ אַוועק אויף אַ שטול ווי אויסגעשעפּט, און האָט שווער געאָטעמט, ווי איינע וואָס האָט שוין מער קיין כוח ניט צו אָנגיין. נאָר לאַנג איז זי ניט איינגעזעסען אויף אַן אָרט. זי האָט פון ליווינג־רום זיך באַלד אַוועקגעלאָזען איבער דער שטוב. זי איז אַריין אין בעלאַ'ס „סאַלאָן“, וואו עס זיינען געווען צע־האָנגען איבער די ווענט אַלערליי שיי־נע דרעסעס. יעדער דרעס האָט זי איבערגעקוקט, אַראָפּגענומען, גע־שטעלט זיך פאַר דעם גרויסען שפּיגעל און צוגעלייגט עס צו איר פּנים, זעהן אויב עס פּאַסט איר. די וואָס איז איר ניט געפעלען האָט זי געגעבען אַ וואַרף פון זיך, אויף אַ שטול, און באַלד גענומען אַן אַנדערע. יעדע דרעס האָט זי געוואָלט אָנמעסטען אויף זיך, נאָר בעלאַ איז איר נאָכגעגאַנ־גען און זייער אײַדעל אַרויסגענומען עס ביי איר פון האַנט:

— דאָס איז ניט דיין „סאַיז“, אַדע־לאַ — האָט זי איר געזאָגט מיט אויי־טאָריטעט.

— פונדעסטוועגען וועל איך עס פּראָבירען אָנמעסטען.

היינט ביזטו מיין גאַסט — האָט בעלאַ מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטען איר כעס. זי האָט גוט געוואוסט אַדעלאַ'ס נאַטור. זי וועט איבער־וואַרפען צוואַנציג דרעסעס איידער זי וועט זיך אויסקלייבען איינע. אַדעלאַ האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט איבער'ן צימער. זי האָט אויפגעעפענט שאַכ־טעלאַך מיט אַלערליי „טרימינגס“, באַפּוצונגען פאַר די דרעסעס.

— קום מיט מיר אין קיך, אַדעלאַ. מיר וועלען עסען מיטאָג — האָט איר בעלאַ אָנגענומען פאַר'ן אָרעם — איך האָב אָנגעגרייט אַ סך גוטע זאַכען. איך האָב געהאַקטע לעבער מיט ציבע־לעס פאַר אַ פאַרשפּייז. דו האָסט דאָך דאָס ליב...

— ניט היינט — האָט אַדעלאַ זיך ניט געלאָזען איינרעדען — איך בין קראַנק. איך טאָר ניט עסען. דער דאָקטאָר האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ דאַיעט.

— וואָס איז דיר? — האָט בעלאַ איר געפרעגט מיט מיטגעפיהל אין איר שטימע.

— די דאָקטוירים זאָגען אַז עס איז גאָרניט, נאָר איך ווייס אַז איך בין גוט קראַנק.

אַדעלאַ האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ סך קרענק: אויף אַ שוואַך האַרץ, אויף אַ הויכען בלוט־דרוק, אויף צוקער־קראַנקהייט. זי האָט געליטען פון „וועריקאָוז וועינס“ (פאַנאַנדערגעצויגענע אָדערען) אין די פיס; זי האָט געהאַט רומאַטעס אין די געלענקען: זי איז אַרומגעגאַנגען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, גענומען רעצעפּטען און געשלונגען פּילען און עס האָט איר גאָרניט געהאָלפען.

(ווייטערעס — מאָרגען)



## קרובים געזוכט

וואַלדמאַן, משה, אין קענעדע, פּאַטער'ס נאָמען ישראל, שטאַמט פון ווינעטינעץ, ביי באַרשטשאָוו, גאַליציע, געזוכט פון זיין קאַזין חנינה וואַלדמאַן, געבוירען אין שערשינאָוויץ, באַרשטשאָווער געגענט, הערש וואַלדמאַנ'ס אַ זוהן, ניט לאַנג אין אַמעריקע. מעלדען אויף דעם אַדרעס:
Karl Waldman c/o Capitol Hotel
166 West 87th St. (R. 801)
New York, N. Y.

וואָרטמאַן, יואל, אין די סטעיטס אַרום אַ יאָר און אַ האַלב, געקומען פון מאַרסעל, פראַנקרייך, שטאַמט פון טשעקאָוון, פּוילען, זוהן פון ישכר און חנה, געזוכט פון זיין פּלימעניק שלמה וואָרטמאַן, ערשט געקומען פון דייטשלאַנד. מעלדען אויף דעם אַדרעס:
S. Wortman c/o Capitol Hotel
166 West 87th St. (R. 331)
New York, N. Y.

לאַזנאָווסקי, מרדכי, נתן און וואָלף, איבער 30 יאָר אין לאַנד, מעגליך אין לאָס אַנדזשעלעס אָדער אין פילאַדעלפיע, שטאַמען פון וואַלברום, פּוילען, געוואוינט אין קוטנע; געזוכט פון זייער קאַזין נתן לאַזנאָווסקי, וועלכער איז געווען פאַרהייראַט צו זייער שוועסטער ראָזע לאַזנאָווסקי, טאָכטער פון יצחק און רבקה. נתן לאַזנאָווסקי איז ערשט ניט לאַנג געקומען פון דייטשלאַנד. מעלדען אויף דעם אַדרעס:
N. Laznowski c/o Mrs. Moe
214 Riverside Drive
New York, N. Y. Phone: MO 2-2651

הורוויטש, דניאל, פון טשענסטאָכאָוו, פּוילען, ניט לאַנג אין לאַנד, זוהן פון פערל און מרדכי, זוכט קרובים אין די סטעיטס, געדענקט ניט זייערע נעמען. מעלדען אויף דעם אַדרעס:
D. Horowicz
c/o Hotel Marseilles (R. 811)
103rd St. & B'way, New York, N. Y.

אריה האַלפּערן, שטאַמט פון גראָדעק ביי לעמבערג, גאַליציע, פאַר די לעצטע עטליכע און צוואַנציג יאָר אין בוענאָס־אַירעס, ווערט געזוכט פון זיין שוועסטער, מרס. חנה האָראָוויץ, געבוירענע קאַמפּעל. פאַר איינצעלהייטען שרייבט צו:
Mrs. Anna Horowitz c/o L. Horowitz
Mesifta Tifereth Jerusalem
145 East Broadway, New York, N. Y.

אַרגענטינער צייטונגען זיינען געבעטען איבערצודרוקען דעם אָנאָנס.

אַבראַמאָוויטש, ישראל לייב, געוואוינט אין שיקאַגאָ, זוהן פון אַלטער אברהם יעקב און טשאַרנע, שטאַמט פון דאָרף וועילען, רומע־ניע, געזוכט פון זיין פּלימעניק שמואל אַבראַמאָוויץ, זוהן פון שלמה לייזער, איצט אין ישראל. מעלדען אויף דעם אַדרעס:
I. Dratler, 2972 West 24th St.
Brooklyn, N. Y. Phone: PR 4-1450

לייב פרידמאַן, וועלכער שטאַמט פון קריי־לעוויץ, פּאָדאָלער גובערניע, און וועלכער האָט געוואוינט אין ניו יאָרק מיט זיין ברודער איציק, ווערט געזוכט פון זיין אינגסטען זוהן, פּרץ, וועלכער געפינט זיך איצט אין רומעניע. די מוטער האָט געהייסען לאה. מעלדען צו:
Mr. Rajac, 1780 Broadway
New York, N. Y. Phone: JU 6-1359

### טרויער רעזאָלוציע

די פאַרוואַלטונג און לערער פון דער בראָנקסער אַרב. רינג שול 20 דריקען אויס זייער טיפסטען טרויער אויפ'ן טויט פון באָריס מענאַף. מיר שיקען אונזער טרייסט און מיט־געפיהל צו פריינדין ג. מענאַף און האָפען און ווינשען, אַז זי זאָל מעהר פון קיין צער ניט וויסען.

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

**די שטורעמדיגסטע יאָרן פון טאָלסטאָי'ס פאַמי־ליען־לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראָמאַן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.**

פון לעאָן קרישטאַל

(פאָרטזעצונג פון מיטוואָך)

אין פאַרבינדונג מיט דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה איז אין איירא־פּע אויפגעשוואומען די פראַגע וועגען ראַסען. די רוסישע רעגירונגס־פּראַ־פּאַגאַנדיסטען האָבען פאַרגעשטעלט די מלחמה ווי אַ קאַמף צווישען דער ווייסער און געלער ראַסע און האָבען געמאַכט דעם אויספיר, אַז די פעלקער פון דער ווייסער ראַסע דאַרפען שטי־צען די רוסען געגען די יאַפּאַנעזער. די צייטונגען פון די מערב־איירא־פּעאישע לענדער זיינען שטענדיג געווען נייגעריג צו דרוקען אַלץ וואָס טאָל־סטאָי האָט געהאַט צו זאָגען, און יעדע מיינונג וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, צי שריפטליך צי אין אַ געשפּרעך, האָבען זיי גערן געדרוקט.

אַ גאַנצע רייהע אויסלענדישע צייטונגען האָבען ספּעציעל געשיקט קאָ־רעספּאָנדענטען צו טאָלסטאָי'ען, אַז זיי זאָלען האָבען מיט אים אינטער־וויוס וועגען דער מלחמה.

מיר ווייסען שוין פון זיין טאָג־בוך און פון ערינערונגען וואָס זיינע נאָ־הענטע האָבען פאַרעפענטליכט, אַז ער האָט זיך שטאַרק געערגערט וואָס די רוסען האָבען געליטען נידערלאַגעס אין יענעם קריג, און ווען פּאָרט אַרטור איז געפאַלען האָט ער אַפענהערציג געשריבען, אַז טראָץ זיינע פּרינציפּען, טראָץ זיין אייגענעם ווילען צו באַ־פרייען זיך אינגאַנצען פון פּאַטריאָטי־שע געפיהלען, לעבט נאָך אין אים פאַרט דער רוסישער פּאַטריאָטיזם. ער האָט דאָס מער־וועניגער צוגעגעבען אויך אין געשפּרעכען מיט קאָרעספּאָנ־דענטען.

אַ באַוואוסטער פראַנצויזישער קאָ־רעספּאָנדענט פון יענער צייט, זשאַרזש בורדאָן, פון דער פּאַריזער צייטונג „פיגאַראָ", וועלכער איז ספּעציעל גע־קומען קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ צו האָ־בען אַן אינטערוויו מיט טאָלסטאָי'ען, האָט, צווישען אנדערע זאַכען, דער־צעהלט:

„ער (טאָלסטאָי) האָט דער ערשטער אָנגעהויבען ריידען וועגען דער מלחמה. „— וואָס הערט מען נייעס? — האָט ער ביי מיר געפרעגט און ער האָט צוגעגעבען: — ווי אַזוי איז מעגליך זיך נישט צו אינטערעסירען מיט אַזוי־נע צוזאַמענשטויסען ווי דער איצטי־גער קריג! ווי טרויעריג עס איז צו הערען וועגען דעם, אַז מענשען הרג'ענען מענשען".

„איך האָב אים דאַרויף געענט־פערט", שרייבט ווייטער דער פראַנ־צויזישער קאָרעספּאָנדענט, „אַז די רו־סיש־יאַפּאַנעזישע מלחמה איז אַ קאַמף צווישען צוויי ראַסען און איך האָב אים געשטעלט די פראַגע: וואָס דענקט ע ר וועט זיין אויב די אָדער יענע ראַסע וועט זיגען?

„— וואָס גערען מיך אָן די ראַסען? — האָט מיר טאָלסטאָי אָפּגעענט־פערט. — ביי מיר זיינען אַלע ראַסען גלייך. איך בין פאַראינטערעסירט אין מענשען, אין אַלע מענשען, אין יעדען מענשען."

דער פראַנצויזישער קאָרעספּאָנדענט האָט דאַן געשטעלט די פראַגע, צי טאָלסטאָי — אַלס אַ רוס — איז ניט גרייט צו מאַכען אַן אויסנאַם און אָפּ־וואַרטען מיט אָנווענדען פּראַקטיש זיי־נע פּרינציפּען, ווייל דורך דער מלחמה ווערט ענטשיידען דער שיקזאַל פון רוסלאַנד. דאַרויף האָט אים טאָלסטאָי געענטפערט:

„קיין אויסנאַם קאָן איך ניט מאַכען, אָבער איך וועל זיין אויפריכטיג. טיף אין הארצען פיהל איך, אַז איך בין ניט אינגאַנצען פריי פון פּאַטריאָטיזם. אַ דאַנק גע'ירשנ'טע אייגענשאַפטען, דער ערציהונג וואָס איך האָב באַקו־מען, פיהל איך, אַז דער פּאַטריאָטיזם לעבט נאָך אין מיר טראָץ מיין אייגע־נעם ווילען. איך מוז רופען צו הילף דעם שכל, איך מוז זיך דערמאָנען אַז די העכסטע פליכטען און דאַן שטעל איך די אינטערעסען פון דער גאַנצער מענשהייט העכער פון אַלעס. יאָ, מיין געוויסען זאָגט מיר, אַז מאָרד אין יעדער פאָרם און אונטער יעדען אויסרייד, איז עקעלהאַפט."

דער קאָרעספּאָנדענט באַשרייבט ווי טאָלסטאָי איז געוואָרען אויפגערעגט פאַרדאַמענדיג מלחמות און די יעניגע וואָס זיינען שולדיג אין די מלחמות און ווי ער האָט אַ צעקאָכטער גערעדט הויך אויפ'ן קול:

„ווי קאָנען דאָס מענשען איבער־הויפּט דערלאָזען? פאַרוואָס דער־לאָזט עס דאָס מענשליכע געוויסען? ווי זעהען זיי נישט די גאַנצע גרויל פון דערדאָזיגער בלוטיגער טיראַניי? ס'איז דאָך שרעקליך! ווען מ'וואָלט אייך געגעבען אין דער האַנט אַריין אַ מעסער און מ'וואָלט אייך באַפוילען צו קוילען אָט־דאָס קליינע מיידעלע, מיין אייניקעל, אַז ניט וועט מען אייך טויטען, וואָלט איך עס פונדעסטוועגען נישט געקאָנט טאָן, ווייל דאָס וואָלט פאַר אייך געווען מאָראַליש אומ־מעגליך. ווען אין דער נשמה פון יעדען מענשען וואָלט געלעבט דער רעלי־גיעזער באַוואוסטזיין, וואָלט ער נישט געקאָנט געהן מיט אַ ביקס ערמאָרדען אַנדערע מענשען."

טאָלסטאָי'ס ליידענשאַפטליכע געג־נערשאַפט צו יעדען סאָרט מלחמה און יעדען סאָרט גוואַלד־טאַטען און בלוט־פאַרגיסונג, האָט צו אים צוגע־צויגען די פּאַציפיסטען פון אַלע לענ־דער, צווישען וועלכע ס'איז אויך גע־ווען וויליאַם דזשענינגס בריַיען, איי־נער פון די באַרימטסטע פּאָליטישע פירער און רעדנער אין אַמעריקע. נאָך אין יאָר 1903, נאָכדעם ווי וויליאַם דזשענינגס בריַיען איז שוין געהאַט געווען צוויי מאָל דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט אין אַמע־ריקע, איז ער — צוליב זיין פּאַציפיזם — געפאָרען מיט אַ וויזיט צו טאָל־סטאָי'ען. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז שפּעטער, ווען בריַיען איז ווידער געווען אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, זאָל אים טאָלסטאָי שריפטליך אינ־דאָרסירען. דאָס איז זעהר מערקוויר־דיג, ווייל טאָלסטאָי האָט דאָך איבער־הויפּט ניט געהאַלטען פון פּאַרטייען און אַפילו ניט פון רעגירונגען. איי־ניגע האָבען אים באַטראַכט פאַר אַ „רעליגיעזען אַנאַרכיסט", אַנדערע האָ־בען אים באַטראַכט פאַר אַ „פילאָזאָ־פישען אַנאַרכיסט", ווייל ער האָט ניט געהאַלטען פון רעגירונג, ווי די וועלט פאַרשטעהט דעמדאָזיגען באַגריף. דאָך האָט ער געמאַכט אַן אויסנאַם און האָט אינדאָרסירט וויליאַם דזשענינגס בריַיען פאַר פּרעזידענט פון אַמעריקע — אַזאַ שטאַרקען איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט בריַיען'ס פּאַציפיזם. (דערזעלביגער וויליאַם דזשענינגס בריַיען האָט באַוויזען, אַז ער איז טאַקע געווען דורכאויס אויפריכטיג אין זיין געגנערשאַפט צו מלחמות, ווען ער האָט אין יאָר 1917 רעזיג־נירט פון זיין אַמט אַלס סעקרעטערי אָוו סטעיט אין פּרעזידענט ווילסאָנ'ס קאַבינעט איבער דעם, וואָס אַמעריקע איז אַריין אין קריג געגען דייטשלאַנד).



די באַגעגעניש צווישען וויליאַם דזשענינגס בריַיען און טאָלסטאָי'ען איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ שטייגער: בריַיען האָט געמאַכט אַ רייזע איבער איירא־פּע און ווען ער איז געווען מיט אַ באַזוך ביים פּויפּסט האָט ער זיך דורכ'ן אַמעריקאַנער קאָנסול אין מאָסקווע געווענדעט צו טאָלסטאָי'ען נאָך אַן ערלויבעניש צו קומען קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ. אַלס אַן ענטפער האָט ער באַקומען מער ווי אַן ערלוי־בעניש — ער האָט באַקומען אַן איינ־לאַדונג און ער איז געקומען קיין רוס־לאַנד.

ס'איז געווען ווינטער, דער חודש דעצעמבער, ווען בריַיען איז אָנגעקו־מען קיין מאָסקווע. צו באַשיצען זיך פון די רוסישע פרעסט און זאַווערו־כעס האָט ער זיך אין מאָסקווע גע־קויפט אַ פּעלצענעם מאַנטעל און ער איז — צוזאַמען מיט זיין זוהן און נאָך אַ פּאָר באַגלייטער — באַלד אַרויסגעפאָרען קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַ־נאַ. צופעליג איז ער אַרויסגעפאָרען מיט אַ שפּעטען „פּאַטשטאָווען" צוג, וואָס איז אָנגעקומען קיין טולאַ אַ זיי־גער דריי פאַרטאָג.

איידער ער האָט געקראָגען פערד־און־שליטען און איידער ער איז איינ־געפאָרען די 15 ווייאָרסט פון טולאַ ביז יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען.

ווען בריַיען און זיין זוהן זיינען אַרויס פון שליטען, האָבען זיי פון הינטער'ן הויז געזעהן אַרויסקומען טאָלסטאָי'ען אין אַ שוואַרץ פּעלצעל, מיט אַ וואָלענע היטעל איבער די אויע־רען און מיט דער גראָער באָרד פאַר־שטעקט אין קאָלנער פון פּעלצעל. זיי האָבען אים באַלד דערקענט. ער האָט זיי וואָרים באַגריסט און זיי פאַרבעטען אין הויז אַריין און האָט באַלד פאַרפירט מיט בריַיען'ען אַ פריינטלי־כען און אינטערעסאַנטען געשפּרעך.

אויף אַ היפּשער ווייַלע האָט דאַן טאָלסטאָי איבערגעלאָזט די געסט פון אַמעריקע אין דעם גרויסען זאַל, וואָס האָט אויך געדינט אַלס עס־צימער, און אַליין איז ער אַוועק צו זיך אין צימער.

נאָכדעם ווי מ'האָט דערלאַנגט די געסט פרישטיק און זיי האָבען אָפּגע־געסען און זיך אָנגעוואַרימט, איז טאָל־סטאָי צוריקגעקומען. ער האָט דעמאָלט אָפּגעטרונקען זיין האָבערנע קאַווע מיט מאַנדעל־מילך און האָט זיך אויף אַן ערנסט אַוועקגעזעצט שמועסען מיט בריַיען'ען.

זיי האָבען גערעדט וועגען אַמערי־קע און וועגען רוסלאַנד, וועגען פּאָלי־טישע און רעליגיעזע פראַגען. דעם גע־שפּרעך האָבען זיי געפירט אין ענג־ליש, ווייל בריַיען האָט קיין אַנדער שפּראַך ניט געקאָנט ריידען. טאָלסטאָי האָט געקאָנט ענגליש, אָבער עס איז אים געווען שווער זיך אויסצו־דריקען פּינקטליך וועגען הויכע און פאַרפלאָנטערטע ענינים אין אַ שפּראַך וואָס ער האָט ניט אָפּט געברויכט. צו שפּאָרען צייט און צו פאַרשטעהן זיך בעסער האָבען זיי טאַקע גערעדט די גאַנצע צייט ענגליש, אָבער אַז אי־בערזעצער, וועלכען בריַיען האָט מיט זיך מיטגעפירט, האָט אַרויסגעהאָלפען יעדעס מאָל, ווען טאָלסטאָי איז ניט געווען אימשטאַנד גענוג קלאָר זיך אויסצודריקען אין ענגליש.

ווי געוועהנליך נאָכ'ן פרישטיק האָט עס טאָלסטאָי'ען געצויגען אויף דער פרישער לופט און ער האָט איינ־געלאַדען דעם פּראָמינענטען גאַסט פון אַמעריקע צו פאָרען מיט אים שפּאַצירען רייטענדיג אויף פערד אי־בער די פאַרשנייטע פעלדער און וועלדער. בריַיען האָט די איינלאַדונג גערן אָנגענומען.

(ווייטערס — מאָנטאָג)



# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— אויף דיר איז גאָרניט קענטיג — האָט איר בעלאַ געזאָגט, זיך איינ־קוקענדיג אין איר פולען, ראָזעווען פּנים.ביידע פרויען זיינען איצט אַריין אין קיך. אויפ'ן טיש זיינען שוין געווען אָנגעשטעלט עטליכע מאכלים, אַז עס האָט פאַרשמעקט די שטוב.

— וואָס איז דאָס, שאָקאָלאַד פּו־דינג? — האָט אַרעלאַ אָנגעוויזען אויף אַ שיסעלע מיט אַ שיין צוגעגריי־טען ברוינעם שאָקאָלאַד — דאָס וועל איך אפשר פאַרזוכען, מיט קאַפי, שפּע־טער — און איידער וואָס ווען האָט זי צוגערוקט צו זיך אַ פאַרציע פּודינג.

— דו קענסט עסען אַלץ, עס וועט דיר גאָרניט שאַטען, אויף מיין אחריות — האָט בעלאַ איר צוגעגעבען חשק. און אַרעלאַ האָט איר געפאָלגט און זיך געזעצט צום טיש.

— וואו איז עלינאָר? — האָט אַרעלאַ מיט אַמאָל אַ פרעג געטאָן, עסענדיג די זופּ.

— עלינאָר? — האָט בעלאַ גע־מאַכט אַ פריילינען פּנים — זי מוז נאָך אוודאי ליגען אין בעט. ס'איז זונטאָג, דו ווייסט ניט? זי נעמט זיך צייט.

ביי זיך האָט בעלאַ אַן אומרואיגע געגעבען אַ טראַכט:

„אַרעלאַ ווייסט נאָך פון גאָרניט. זי ווייסט נאָר אַז עלינאָר איז פאַר'קנס'ט צו אַ באַי. זי אַליין, בעלאַ, האָט דאָס איר דערציילט. זי האָט זיך פאַר איר באַרימט וואָס פאַר אַ פיינעם באַי עלי־נאָר האָט אָנגעטראָפען. עס קאָן זיין, אַז אַרעלאַ האָט שוין פון דער גאַנצער געשיכטע פאַרגעסען. אויף איר איז דאָס צו גלייבען. נאָר אויף יעדען פאַל האָט זי באַשלאָסען זי זאָל אַרעלאַ'ן גאָרניט דערציילען פון דער צרה, אַז אַלץ איז שוין אויס מיט דעם שידוך. זי האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר אַרע־לאַ'ן, און איז אַריין אויף אַ ווייַלע צו איר טאָכטער אין צימער. עלינאָר איז ווי אין אַלע זונטאָגס נאָך ניט געווען אָנגעטאָן, כאָטש עס איז שוין געווען נאָך האַלבען טאָג. זי איז געזעסען אין איר שלאַפראָק אויף דער סאָפקעלע פאַרטיפט אין לייענען אַ בוך. עלינאָר האָט געהאַט אין זינען צו איבערוואַר־טען דאָ אין צימער ביי איר, ביז אַרע־לאַ וועט אַוועקגיין. נאָר די מאַמע אי־רע איז צו איר צוגעשטאַנען און זי האָט איר געבעטען:

— גיי אַרויס צו איר. וועסט אויס־ריידען מיט איר אַ פּאָר ווערטער. זי האָט שוין אויף דיר זיך געפרעגט. זי קען דאָך מיינען ווער ווייסט וואָס.

— אַז איך האָב איך פיינט, איך קען איר ניט אָנקוקען — האָט עלינאָר זיך אַ בייזער געטאָן. פון אַלע מאָל האָט עלינאָר געהאַט אַזאַ שלעכטען געפיהל אַנטקעגען דער „טאַנטע אַרע־לאַ". עס קאָן זיין, אַז זי האָט מיט'ן חוש געפיהלט, אַז אַרעלאַ איז אַ סך שולדיג אין דעם שלעכטען לעבען, וואָס איר טאַטע־מאַמע האָבען צווישען זיך געהאַט.

— דו מוזט זיך ווייזען פאַר איר. זי איז דאָך שוין דאָ — איז בעלאַ צו־געשטאַנען צו איר־טאָכטער. עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז עלינאָר האָט איינגעוויליגט און געפאָלגט איר מאַמען. זי האָט אויף גיך זיך גע־געבען אַ וואַש אַרום, זיך אָנגעטאָן. זי האָט פאַר'ן שפּיגעל זיך אַ פּודער געטאָן דעם פּנים. אונטער די אויגען זיינען ביי איר געווען טונקעלע שאָ־טענס, ווי פון וויינען, אָדער פון צו־פיל ליגען איינגעגנורעט אין קישען. זי איז אַריין אין קיך און געמאַכט אַ פריילינען פּנים:

— העלאָ, טאַנטע אַרעלאַ — האָט זי צו איר אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם גע־דעקטען טיש מיט די גוטע מאכלים.

— מ־מ־מ, איט לוקס גוד! — האָט זי אַליין אין זעלבען צופרידענעם טאָן גערעדט. און ווי וועלענדיג צופרידענ־שטעלען איר מאַמען האָט זי זיך צו אַרעלאַ'ן געווענדעט:

— וואָס מאַכסטו, טאַנטע אַרעלאַ, דו קוקסט אויס גוט.

— רוף מיר ערעלאַין — האָט אַרע־לאַ איר געבעטען — און דו אויך, בעלאַ.

— פון ווען אַז האָסטו דאָס געבי־טען דיין נאָמען? — האָט בעלאַ זיך געוואונדערט.

— אַזוי. עס קלינגט שענער. אַלע רופען מיר איצט אַזוי, „ערעלאַין" — האָט זי ווי אונטערגעשטריכט, אַז אַלע זאָלען דאָס געדענקען. זי האָט, ריי־דענדיג, ניט אַראָפּגענומען אירע אוי־גען פון עלינאָר'ן. זי האָט פון אַלע מאָל געהאַלטען, אַז עלינאָר איז זייער אַ שיינע. זי איז איר מקנא געווען וואָס זי איז נאָך אַזוי יונג... איר דינע פיגור... אַלץ.

— ווי גוט דו זעהסט אויס, עלינאָר.

— אָ, איך פיהל אָלרייט — האָט עלינאָר בלויז געשמייכעלט.

— עס דיין מיטאָג, אַרעלאַ... כ'מיין ערעלאַין — האָט בעלאַ איר צוגע־רוקט נעענטער דעם טעלער.

— וואָס איז דאָס, טשיקען געבראָ־טענע? יע, דאָס כעג איך עסען. און דעם פּודינג דערנאָך. דו האָסט שוין פאַרטיג די קאַפי?

אין דעם גאַנג פון עסען האָט אַרעלאַ איצט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אי־רע געווענדעט נאָר צו עלינאָר'ן. זי האָט איר נעגעסען מיט די אויגען. זי האָט ניט געזעהן עלינאָר'ס טרויער אין איר פּנים, ניט די טונקעלע שאָטענס אונטער די אויגען, און ניט געפיהלט די געמאַכטע פריילינקייט אירע. זי האָט נאָר געזעהן עלינאָר'ס שיינקייט, וואָס אפילו אין איר איצטיגען טרויער האָט זיך עס נאָך גענוג אָנגעזעהן.

— די יוגענט איז אַזוי גליקליך. זיי ווייסען גאָרניט, די יונגע מענשען, ווי גוט זיי איז.

— וואָס מיינט איר, טאַנטע? — האָט עלינאָר איר אָנגעקוקט פאַרוואונ־דערט.

— אָ, ווען איך בין אין דיינע יאָרען, מיט דיין אויסזעהן.

ז' האָט אַרויסגעלאָזען אַ זיפץ, אין עם האָט זיך געפיהלט ווי שטאַרק זי ליידט פון דעם, וואָס זי קען שוין ניט צוריק יונג ווערען, אויפיונקען צוריק צום לעבען די פאַרשלאָפענע בלוטען אירע, די מידע גלידער, און נאָכאַמאָל דערפיהלען דעם יונגען ציטער און אימפּעט.

— איר פּאָרט ערגעץ היינטיגען זו־מער, טאַנטע ערעלאַין? — האָט עלי־נאָר ביי איר אַ פרעג געטאָן, אַבי נאָר עפּעס צו זאָגען.

— יע, כאָקע — האָט בעלאַ אויך ווי זיך דערמאָנט — וואו קלייבסטו זיך צו פאַרען היינטיגען זומער?

— איך ווייס נאָך אַליין ניט. כ'האָב נאָך ניט באַשלאָסען וואוהין צו פאָרען.

— זי איז געווען אין אַ פּאַרלעגנהייט, אַרעלאַ. זי איז שוין אומעטום גע־ווען: אין קאַליפאָרניע, די „גרענד־קעניאָנס" געזעהן, אין מעקסיקאָ, אין בערמיודאַ. עס איז שוין באַלד ניט געווען קיין ערטער דאָ אין לאַנד, וואו־הין זי זאָל קענען פאָרען.

— אין קענעדע איז אינטערעסאַנט זיך דורכצופאָרען פאַר'ן זומער — האָט עלינאָר איר צוגעהאָלפען — אַ רייזע איבער די „טאַוזענט איילאַנדס". ס'איז אינטערעסאַנט אָנצוקוקען.

— יע, כ'וועל אפשר זעהן — האָט זיך אַרעלאַ אַ ווייַלע פאַרקלערט.

— דו ווילסט עפּעס הערען? — האָט אַרעלאַ מיט אַמאָל זיך דערמאָנט, און זי האָט גענומען דערציילען אַ גע־שיכטע, וואָס האָט מיט איר פּאַסירט. פּאַראַיאָרען, ווען זי איז געווען אין אַ קליינעם האָטעל, אין אַ שטעטעל, ניט ווייט פון לאָס אַנדזשעלעס. געווען זיי־נען דאָרט אין האָטעל נאָר באַוואוסטע מענשען, אַרטיסטען און מאָלער. האָט איינער פון זיי מיט איר זיך פאַראינ־טערעסירט און ער האָט כסדר איר געמאַכט קאָמפּלימענטען, און איינמאָל האָט ער צו איר געזאָגט:

— איר זעהט ניט אויס צו זיין אַן איינפאַכע הויז־פרוי, ערעלאַין, איר האָט אַן אַרטיסטישע נאַטור. ניט אַנ־דערש, אַז איר טוט אַליין עפּעס אין דער שטיל. איר שרייבט אָדער איר מאָלט, נאָר איר ווילט ניט אויסזאָגען...

אַרעלאַ האָט, דערציילענדיג דאָס, אַליין פאַרגעניגענדיג זיך צעלאַכט. נאָר בעלאַ האָט איר אָנגעקוקט אַ ווייַ־לע מיט אַ סקעפּטישען בליק. זי מוז ניט גלויבען אַלץ וואָס אַרעלאַ דער־ציילט. זי ווייסט, אַרעלאַ האָט ליב צו אויסטראַכטען זאַכען און צו באַ־רימען זיך.

— „וועמען בלאָפסטו?" — האָט בעלאַ צו זיך אַליין ניט ווילענדיג אַ טראַכט געטאָן. בעלאַ האָט שוין פאַר־לאָרען די האָפענונג, אַז זי זאָל היינט מיט איר קרובה קענען ריידען פון איר פּלאַן וועגען עפענען אַ סטאָר, און אַז זי וויל ביי איר בעטען לייען אַ סומע געלט, ווי זי האָט עס שוין איר צוגע־זאָגט. אַרעלאַ איז היינט צופיל צע־טומעלט, און מען וועט מוזען דעם שמועס מיט איר אָפּלייגען אויף אַן אַנדערש מאָל. בעלאַ האָט גענומען אָפּראַמען פון טיש. עלינאָר איז גע־זעסען און לאַנגזאַם געטרונקען איר קאַווע, האַלטענדיג דעם טעפּעלע אין ביידע הענט, און מיט אַ טשיקאַווען שמייכעל אָנגעקוקט איר „טאַנטע" אַרעלאַ. אַרעלאַ איז געווען די איינצי־גע, וואָס האָט איצט גערעדט. זי האָט דערציילט אַ סך ראָמאַנטישע גע־שיכטעס פון אירע באַקאַנטע, און וואָס מיט איר אַליין האָט זיך פאַרלאָפען; ווי זי איז שיער ניט פאַרוויקעלט גע־וואָרען מיט אַן אַוואַנטורע מיט איינעם אַן אינטערעסאַנטען מאַן. זי האָט ריידענדיג, נאָר אָנגערופען מענשען מיט „גרויסע נעמען", מענשען מיט ערפאָלג אין לעבען, ווי קיין אַנדערע וואָלטען ביי איר קיין ווערדע ניט געהאַט. זי האָט מיט אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף איר קליין זייגערעל און זיך גענומען איילען.

— איך מוז שוין גיין — האָט זי זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט.

זי האָט נאָך היינט ביי טאָג גע־דאַרפט האָבען אַ מיטינג פון אַ געוויס־סער „לעדיס אַקזילערי", וואו מען האָט איר געמאַכט פאַר אַ פּרעזידענ־ רין. זי האָט אויך נאָך היינט גע־דאַרפט זיין אין דעם קאָמיטעט פון פרויען אויף באַזוכען די קראַנקע אין די שפּיטאָלען, וואו אַרעלאַ האָט אויך באַלאַנגט.

— און אין אָוונט... פרעג שוין גאָרניט — האָט אַרעלאַ פאָרטגעזעצט — ביי מיר אין הויז. עס וועט זיין אַ גאַנצע פּאַרטי. מען וועט סעלעברעי־טען... — זי האָט זיך אַליין איבערגע־ריסען — דו ווילסט אפשר קומען? — האָט זי מיט אַמאָל אַ פרעג געטאָן ביי בעלאַ'ן. און ניט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער האָט זי גענומען מער דער־ציילען וועגען דער פּאַרטי.

— איר מוזט זיין זעהר אַ וויכטיגע פּערזאָן, זעהט אויס — האָט איר עלי־נאָר געזאָגט.

— יע — האָט אַרעלאַ צוגעגעבען — איך קען ניט אָפּזאָגען. מען שטייט צו...

(ווייטערס — מאָרגען)

# פון פאָלק צו פאָלק

(שלום פון בינטעל בריף פּעידזש)

ביי אונז אין לאַנד וועגען זייער פּורים־שפּיל עלעקשאַן דאָרט. יעדער איינער פון אונז ווייסט דאָך, אַז ביז זיין פּגירה איז דאָרט דער דיקטאַטאָר סטאַלין זי־כער מיט זיין הערשאַפט. און ווען די וועלט איגנאָרירט די נייעס פון זייער עלעקשאַן, וואָלטען זיי אפשר אינגאַנ־צען אויפגעגעבען דעם פּורים־שפּיל, ווייל וואָס אַנבאַלאַנגט זייער אייגען לאַנד דאַרפען זיי דאָך געוויס ניט קיין וואַהלען. אַלעס קען דאָך דאָרט דורכ־געפירט ווערען דורך אַן אָפּענעם באַ־פעהל, קיינער וואָלט זיך דאָך ניט גע־וואַגט אַרויסצוקומען מיט אַן איבעריג וואָרט אַפילו. דער אַנשטעל פון זייערע וואַהלען ווערט דאָך געפלאַנעוועט פאַר זייערע אַנהענגער און נאַכלויפער פון די אַנדערע לענדער אום צו קענען זיי דאָ כשר'ן פאַר דער וועלט, צו קענען זיי דאָ אַרויסשטעלען אַלס אַ „דעמאָ־קראַטישע פאָלקס־רעגירונג". דאַרפען מיר זיי געבען אַ געלעגענהייט (דורך אונזער באַריכטען זייערע עלעקשאַנס אין אונזערע צייטונגען) צו קענען דאָ אַנגעהן מיט זייערע בלאָפס, אום צו קענען מאַכען די אמת'ן פּראָפּאַגאַנדע פאַר זייער זעלבסט־געקרוינטען דיק־טאַטאָר?

א. בערלאַוו,
ניו יאָרק, נ. י.

## יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל

### ביישטייערונג פון קאָנג. בני יעקב ר' מאיר פּרעמישלאַנער

אַ ביישטייערונג פון $226 איז געשיקט גע־וואָרען צום „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל" פון דער קאָנג. תפארת בני יעקב ר' מאיר פּרע־מישלאַנער אָוו בראָנזוויל. די סומע איז געזאַ־מעלט געוואָרען אויף אַ סעודה פון דער חברה קדישא.

### אוהל אברהם פון זשיטאָמיר אַקטיוו

די אוהל אברהם פון זשיטאָמיר, פון ברוק־לין, האָט געשיקט אַ ביישטייערונג פון $100 פאַר'ן „אַפּיל". דער אַפּיל איז געמאַכט געוואָ־רען פון אברהם מילער.

### קאָנג. כנסת ישראל

אַ ביישטייערונג פון $311 פאַר'ן „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל" איז געשיקט געוואָרען פון דער קאָנגרעגיישאָן „כנסת ישראל" אין די בראָנקס. די סומע איז געזאַמעלט געוואָרען אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דעם חשוב'ען רב הרב י. ב. גראַזאַלסקי און דעם פּרעזידענט עמנואל מאַשקאָוויטש.

### מאַזירער לעידיס אַקזילערי

אַ ביישטייערונג פון $200 פאַר'ן „אַפּיל" איז געשיקט געוואָרען פון די מאַזירער לעידיס אַקזילערי. די פרויען־אָרגאַניזאַציע רופט זיך אַלעמאָל וואַרים אָפּ אויף די קאַמפּיינס פון „אַפּיל".

### פוירסט זגוריצער בעסאַראַבער סאָסייעטי

די „פוירסט זגוריצער בעסאַראַבער סאָ־סייעטי" האָט געשיקט אַ ביישטייערונג צום „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל". די אָרגאַניזאַציע איז אַלעמאָל אַקטיוו פאַר די קאַמפּיינס פון „אַפּיל".

### קאָנג. תלמוד תורה „מוריה"

די קאָנגרעגיישאָן „תלמוד תורה מוריה" האָט געשיקט אַ ביישטייערונג צום „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל". די איניציאַטיוו פון דער זאַמ־לונג איז צו פאַרדאַנקען דעם חשוב'ען רב הרב א. בן הילל.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

— וואו נעמסטו דאס אזוי פיל צייט אויף אלץ? — האט בעלא זיך גע־וואונדערט.

— דו מיינסט ס'איז שווער? עס איז ביי דעם גאר קיין ארבייט ניט פאראן. עס איז נאר דער האנאר, דער כבוד צו באלאנגען — האט זי צו בע־לא'ן א וואונק געטאן מיט'ן אויג.

א פארטראגענע האט זי זיך איצט אוועקגעלאזען אין ליווינג־רום און פון דארט צוריק אין בעלא'ס „סאלאן", באקוקען אויף דאס נייע די דרעסעס.

— איין דרעס איז מיר דא באזונ־דערס געפעלען — האט זי גענומען ארומזוכען איבער'ן צימער. בעלא שוין אן אויסגעשעפטע און א נערווע־זע, האט איר געלאזען אלץ טאן וואס זי האט געוואלט. אדעלא האט ענדליך באשלאסען:

— איך וועל נאך קומען די וואך נאך אמאל. איך דארף האבען א סך זאכען. איך ווייס נאך ניט וואס פאר א דרעסעס איך זאל נעמען.

— יע, קום, קום צוגיין — האט איר בעלא איינגערעדט מיט פריינט־ליכקייט אין איר קול און מיט א שמיי־כעל אויפ'ן פנים — מיר האבען נאך גארניט גערעדט.

„אה!"—האט עלינאר אפגעאטעמט פריי נאך אדעלא'ס אוועקגיין.

— נאך איין ווייילע און איך וואלט אוועקגעפאלען — האט בעלא אויך זיך אפגערופען — ביזט א מבין? עס דרייט זיך מיר אזש דער קאפ.

— מיר אויך — האט עלינאר או־מעטיג צו איר מאמען געשמייכעלט.

א לאנגע צייט נאך עדעלאינ'ס ווי־זיט איז בעלא אלץ געווען שטארק אויפגערודערט. די קנאה צו איר שוועסטער־קינד האט בעלא'ן געגעסען דאס הארץ. ערעלאין איז רייך. עס לעבט זיך איר גוט. זי באדט זיך אין ראסקאש. פון אלע יארען האט זי גערינט ווי א מוסטער פאר בעלא'ן ווי אזוי מענשען דארפען לעבען. ערע־לאינ'ס מאן איז געווען אין ביזנעס. ער איז געווען אין ריעל־עסטעיט. און צו וואס ער האט זיך נאך צוגערירט, איז פון אלץ געווארען געלט...

יע, דער כישוף פון געלט האט נאך אלץ בעלא'ן געבלענדט די אויגען. מיט געלט קען מען אלץ דערגרייכען. אלע וועגען זיינען פאר דעם אפען. בעלא האט זיך געהאט איר פילאזאפיע. עס איז א שלעכטע, א בייזע וועלט. די מענשען זיינען ווי חיות און יעדער איינער קוקט נאר פאר זיך. בעלא האט ליב געהאט צו זאגען: „אז דו וועסט זיין צו־איידעל און ניט וועלען אנטרעטען יענעם, וועט יענער אויף דיר טרעטען".

בעלא איז געווען איבערגעשפיצט־קלוג, געהאלטען אירע אויגען אפען, און איר האט מען ניט געקענט אפ־נארען. מיט יעדען יאר איז זי אלץ גע־ווארען געניטער אין אירע ביזנעס צו פארקויפען דרעסעס. זי האט זיך ארויסגעוויזען פאר א גוטען „באיער" (אן איינקויפער), און אין די סטארס און די גרויסע שעפער האט מען פון איר שטארק געהאלטען, ווייל זי איז געווען א מבין אויף ווארע. אפילו איר טאכטער, עלינאר, האט פון צייט צו צייט אנגעטאן אירע א דרעס, כאטש עלינאר האט געהאט איר איי־גענעם, באזונדערען געשמאק.

די פרויען, אירע קאסטאמער, הא־בען געוואוסט, אז זיי קענען זיך אויף בעלא'ן פארלאזען. און זיי האבען ליב געהאט זיך צו ווענדען צו איר מיט אן עצה וואס פאר א סארט דרעס זיי זאלען פאר זיך קויפען.

— מיסעס ריווקין, איך וויל הערען אייער מיינונג — האט גאנץ אפט א פרוי זיך צו איר געווענדט.

און בעלא האט יענער פרוי אפגע־ענטפערט מיט אויטאריטעט:

— איר זאגט מיר נאר צו וואס פאר א געלעגענהייט איר ווילט די דרעס נוצען, וועל איך שוין וויסען וואס אייך צו ראטען. א פארמעלער דינער, אדער אזוי א פריוואטע „גע־דערינג" (צוזאמענקונפט).

בעלא האט געוואוסט ווי־וואס און פאר וועמען עס פאסט דער אדער יע־נער „סטאיל".

— דאס איז ניט אייער קאליר. איך וועל דאס אייך ניט לאזען קויפען — פלעגט זי זאגען צו א פרוי מיט זי־כערקייט אין איר קול. זי האט זיך מיט אירע קאסטאמער פארהאלטען ווי מיט פערזענליכע פריינט, און זי האט געקענט געבען זיי עצות ווי צו מאכען זיך פון אלט—יונג, פון פעט—דין, און פארקערט.

איר אייגענער אויסזעהן, בעלא'ס, האט אויך געמאכט אן איינדרוק. זי איז שוין געווען ווייט אין די פופצי־גער יארען, אבער זי האט אויסגעקוקט א סך יינגער. זי איז געווען קליין־גע־וואקסיג, אבער זי האט זיך געהאל־טען מיט גרויס פארנעם. דער קאפ—אויפגעהויבען הויך, מיט א פריזור—אויפגעטורעמט נאך העכער. זי האט גענוצט א שטארקען „מעיק־אפ" אויף איר פנים און די ליפען, און שטענדי־ג אנגעטאן אין א דרעס פון לעצטען סטאיל. דאס און איר זיכערער שטעל און איר שארפער, דורכדרינגענדער קוק פון אירע אויגען האט געמאכט אן איינדרוק, ווען זי האט זיך בא־וויזען פאר אירע קאסטאמער.

פון קומען אין בארירונג מיט אלער־ליי מענשען, איז ביי בעלא'ן דער מוח אויסגעשארפט געווארען. מען האט איר געהאלטען פאר א פרוי מיט א סך ווייסען, כאטש זי האט ווייניג געלע־רענט און געווען ניט אנטוויקעלט. צו איר אין הויז פלעגט אנקומען דער ענגלישער זשורנאל „די וואומען'ס מעגעזין". און אז בעלא פלעגט זיך אמאל אוועקזעצען עס לייענען, האט זי באלד איינגעדרעמעלט פון מיד־קייט. דאך איז זי ניט געווען צוריק־געשטאנען אין ווייסען. זי האט גרינג געקענט אויפכאפען זאכען, וואס זי האט געהערט פון אנדערע, און זי האט דערנאך שוין געקענט פון דעם פריי רעדען און אונטערהאלטען א שמועס, ווי א שטייגער אין וועלט־זאכען, אין פאליטיק. זי האט אפילו געקענט אריינווארפען א הויכען ווארט, וואס האט זיך פונקט אריינגעפאסט אין שמועס, און עס איז דורך גלאט.

בעלא האט פארמאגט דאס, וואס מען רופט איינגעבוירענעם פרויען־אינ־טואיציע. זי האט געקענט מיט'ן חוש דערפיהלען א סך זאכען. דאס וואס אנדערע האבען זיך ערווארבען מיט'ן לערנען און לייענען פון ביכער, האט בעלא געלערנט פונ'ם לעבען. אז זי האט איצט גערעדט מיט א מענשען, איז זי געווען איינגעהאלטען און מיט טאקט, ווי זי וואלט געוואוסט מער וויפיל זי קען ארויסרעדען. ווער וואלט זיך דאס געגלויבט, אז זי זאל קענען זיך אזוי בייטען? פון אן איינפאכער פרוי, א שרייערקע און א קריגערקע.

ווען זי איז נאך געוועזן מיט איר מאן, איז זי איצט געווארען, קען מען זא־גען, א גראנד־דאמע. סעם ריווקין, איר אייגענער מאן, וואלט איר אפשר איצט גאר ניט דערקענט. ער וואלט זיך כסתמא געוואונדערט, ווי אזוי א מענש קען זיך דאס בייטען...

נאר אין די זעלטענע מינוטען, ווען בעלא איז געווען מיט זיך אליין, איז איר אן אומעט באפאלען; א בענק־שאפט און א גלוסטונג צו אן אנדער סארט לעבען. זי איז דאך נאר גע־ווען א לעבעדיגער מענש, נאך ניט אזוי אלט. זי האט נאך געקענט אויף דאס נייע חתונה האבען און פירען א פולען לעבען. פארוואס ניט? נאר דאס וואלט געמיינט, אז זי דארף פריהער געבען איר מאן א גט. ניין, ער וועט דאס ביי איר ניט אויספירען. צו מא־כען, אז ער זאל ווערען א פרייער פוי־געל און נאך אפשר אליין חתונה הא־בען מיט אן אינגערער און א שענע־רער פון איר...

בעלא איז געווען פון די מענשען, וואס וועגען זיי געהט דאס ווערטעל: „בעסער זיך צוויי אויגען ארויסנע־מען, אבי יענעם איינעם". ער איז נאך געווען כסדר אין אירע געדאנ־קען, סעם. א מאן, וואס מען לעבט מיט אים אפ א זיבעצען־אכצען יאר, פארגעסט זיך ניט אזוי גיך. עס קען זיין, אז בעלא האט נאך אין האר־צען ביי זיך געטראגען א ווארעמען געפיהל פאר אים. נאר דאס וואלט זי אפילו פאר זיך אליין ניט געוואלט מודה זיין. דער פארדראס פאר דער עוולה, וואס ער איז אנטקעגען איר באגאנגען, האט איבערגעשטיגען אלץ. און נאך איצט, אז זי טראכט זיך אריין אין דעם, שטילט זיך ניט אין איר דער כעס.

(ווייטערס מארגן)

# די מלחמה פאַר ירושלים

(שלום פון פעידוש 3)

ווענט מיט די הענט. מען טראגט ארויס פון פייער די מעבל — זאל דער פייער ניט ווערען גרעסער דורך דעם. ערשט דער שייער ברענט. דארטען איז געווען דרייסיג טאן היי. די פלאמען ווערען גרעסער. פייער־צונגען פלאקערען ארום און ארום. עס ברענט דער בהמה־שטאל. די בהמות ווערען ווילד פון פייער און לאזען זיך ניט ארויסשלע־פען, קריכען אין פייער אריין. עס גייט א מלחמה מיט'ן האלענדישען אקס, וואס קאן יעדע רגע ווילד ווערען, משוגע ווערען, באפאלען די מענשען מיט א חיה'שען כוח.

זיי זיינען אבער די בהמות ביינגע־קומען. אויך דער האלענדישער אקס האט זיך שטיל צוגעטוליעט צו די קיה. דער פייער פארשפרייט זיך. עס ברענט די בעקעריי, וואס האט בא־זארגט מיט ברויט ירושלים. די בהמות, וואס זיינען א צייט געווען רוהיג, ווערען ווילד, לויפען, שרייען, ברומען אין ווילדערניש. די אראבישע ווילדע גע־שרייען ווערען נענטער, מען הערט זיי שוין גוט.

אין דער רגע איז א שראפנעל אריין אין הינער־שטייג. אברהם קויפמאן דערציילט, אז ער איז אריין אין הינער־שטייג ארויסצוטרייבען די הינער. אפשר וועלען זיי זיך ראטעווען. זיי ווילען אבער ניט ארויס בשום אופן פון שטייג. זיי פליהען פון איין זייט אין דער צווייטער, פון איין ווינקעל אין אנדערען. ארויס ווילען זיי ניט, זיי האבען מורא, עס האט זיי בא־הערשט א שרעק. אין א הינער־שטייג איז אומגעקומען א מיטגליד פון דעם השומר הצעיר, מ. פורמאנסקי. אפשר וועט קומען דא, אין הינער־שטייג, אויך זיין סוף? — האט געטראכט אברהם קויפמאן. עס ווילט זיך ניט שטארבען צווישען די הינער. ער איז ארויס פון שטייג. די מלחמה געהט אן ווייטער. די חברים, וואס אויפ'ן דאך, באשיסען די אראבער. די קוילען לוי־פען, סוויסטשען.

וואו האט מען גענומען כח — דאס האט קיינער ניט געוואוסט און קיינער ווייס ניט. עס ברענט שוין דער שפייכ־לער. מיט צוואנציג טאן מעהל. א גע־דיכטער רויך האקט ארויס פון שפייכ־לער, גאנצע וואלקענס רויך. די אראַ־בער זעהען דעם רויך און פרייען זיך געווים.

אין ירושלים זעהט מען דעם פייער און דעם רויך פון רמת־רחל, זיי קאנען אבער גארניט העלפען. מען ווערט ווייניגער און שוואכער. וועלען די אראבער באנייען זייער אטאקע — פיהלט מען אין רמת־רחל — וועט מען שוין מער ניט קאנען אויפשטיין די אראבישע רוצחים וועלען אויס־שעכטען ביז'ן לעצטען.

זאל ירושלים כאטש שיקען א לאסט־וואגען ארויסצופירען די נאך לעבע־דיגע בהמות, זאל מען כאטש שיקען א הונדערט מענשען מיט געווער. ירושלים ענטפערט ניט, מסתמא קאן זי עס ניט טאן.

די אראבער האבען דערפיהלט די שוואכקייט פון רמת־רחל. זייער נצחון איז נאענט. זיי באמבארדירען מיט'ן גרעסטען כח. עס פאלען בנינים. די שראפנעלען שניידען אין די בנינים ווי אין פוטער. עס ברענט, עס ווערט וויסט. פייער און אומגליק ארום און ארום.

די אראבער קומען צו נענטער און נענטער. מען זעהט זיי שוין מיט'ן נאקעטען אויג. אין דער לעצטער רגע שליידערען די אידישע קעמפער האנט־גראנאטען. די אראבער, דערזעהענדיג די אויפרייסען פון די האנט־גראנאטען, האבען זיך דערשראקען אביסעל. זיי האבען מורא פאר'ן טויט. זיינען זיי אפגעטראטען א ווייילע.

דערציילט אברהם קויפמאן א רי־רענדע געשיכטע. ער איז אריין אויף א ווייילע אין א בנין, וואס איז נאך גאנץ געווען. אנטקעגען אים איז גע־קומען די חבר'טע צפורה גרינבערג מיט א גלאז טיי. וואס טוט דא צפורה? — זי איז שוין א פרוי פון איבער 50 יאר. זי האט ניט געוואלט אוועק פון רמת־רחל. איר חבר פנחס וואלמאן איז דא אומגעקומען, אומגעבראכט געווארען פון די אראבער אין יאר 1929, מיט 20 יאר צוריק. זי וועט ניט אוועק פון דאנען ביז'ן עמיצער איז נאך פאראן. זי דערלאנגט די טיי אפילו מיט א שמייכעל.

די אראבער זיינען שנעל געקומען צו זיך. זיי ווילען שוין רמת־רחל ניט אפלאזען. מאכען זיי נאך א פרואוו. זיי דערנענטערען זיך צום טויער פון דער קאלאניע. זיי געהען, שרייענדיג, אין גרויסע מאסען, זיי קומען פון דריי זייטען.

— מיר זיינען שוין דאן געווען נאר דרייסיג — דערציילט אברהם קויפמאן. — די מזרח־זייט איז שוין געווען אינגאנצען אפען. פון דארטען האט מען שוין געקאנט אריינקומען פריי. און דאך — נעמט צונויף די כחות, נעמט צונויף אלע גראנאטען.

וואו האבען די הענט גענומען כחות? — דאס ווייס קיינער ניט. די לעצטע גראנאטען טרעפען גוט. מען זעהט ווי די גראנאטען שניידען אין די אראבער. אזוי נאך א מאל און נאך א מאל.

„איך וועל ניט געהן אין געפאנגענ־שאפט", — זאגט דעמאלט אברהם קויפמאן צו זיך. די לעצטע גראנאטען וועל איך שליידערען אין זיך. נאר ניט שוואך ווערען, נאר ניט ארייננפאלען א לעבעדיגער ביי זיי אין די הענט".

עס רוישען די אראבישע הארמאַ־טען, טויב צו ווערען. דער וואסער־טאנק איז אויפגעריסען געווארען. דער טומעל אין קאפ ווערט גרעסער. די אויגען זעהען ארום און ארום וויס־טעניש.

ביי די געציילטע אידישע גבורים איז אין לעצטען מאמענט, ווען עס האט אויסגעזעהן, אז אלץ איז שוין פארפאלען, געקומען א געדאנק זיך דורכצורייסען אין דער קאלאניע תלפיות. אפשר איז זי נאך אין די אידישע הענט. געהן קאן מען ניט. מען קאן פרובירען קריכען צווישען די דערנער־קוסטעס. אפשר וועט עמי־צער בלייבען לעבען צו דערציילען וועגען דער מלחמה אין רמת־רחל. זיי זיינען ארויסגעקראכען צום פעלד, גע־קראכען אויף די בייכער. די אראבער קנאלען פון הארמאטען, פון מאשין־ביקסען. ארום און ארום איז דער פעלד־וועג ארומגענומען מיט אלאבי־שען פייער. אבער, עס איז קיין ברירה ניטא, מען מוז קריכען.

## די העלדישקייט פון א אידישען אינגעל

זאגט א אינגעל פון רמת־רחל — יאסקע איז זיין נאמען: „איר טרעט־אפ און איך וועל מיט'ן מאשין־ביקס דעקען אייער צוריקטריט". ער האט זיך גלייך געשטעלט צום מאשין־ביקס, מיט'ן פנים צו די אראבער, און האט געשאסען. אין דער רגע איז צוגעקו־מען צו אים זיין פאטער און געזאגט: „דיין גורל איז מיין גורל. מיר וועלען דא ביידע בלייבען. איך וועל דיך ניט לאזען אליין". זוהן און פאטער הא־בען זיך געשטעלט ביים מאשין־ביקס און געשאסען מיט אלע כחות, געדעקט דעם צוריקטריט. די לעבענגעבליבענע זיינען געקראכען אויף די בייכער צווי־שען די דערנער־קוסטעס. מען האט זיך באוועגט פאראויס זעהר לאנגזאם. פון די פנימ'ער פון די קריכענדע אויף דער ערד רינט בלוט. די דערנער הא־בען זיי צעריסען. מען שלעפט זיך ווייטער.

דער אינגעל יאסקע און זיין טאטע קריכען שוין אויך. צפורה שלעפט זיך אויך. אויב קיינער איז שוין ניט גע־בליבען אין רמת־רחל, קאן זי שוין אויך געהן. די קוילען פייפען, סוויס־טשען. עס ווערט פינסטערער. די זון פארשווינדט. אלע ליכטער לעשען זיך אויס. רמת־רחל ברענט נאך.

„נאך איין קוק הינטער זיך, נאך איין מאל — דערציילט אברהם קויפ־מאן — אויף דעם פעלד האסטו גע־ארבייט, דעם וועג האסטו געמאכט. איצט שלעפסטו זיך אויף אים צוזא־מען מיט דיין ביקס.

„קריכענדיג צווישען די דערנער־קוסטעס — דערציילט ער — האט ער געזעהן, אז לעבען אים געהט א אינגעל פון ירושלים, וועלכער איז מיט עט־ליכע וואכען צוריק געקומען העלפען אין דער מלחמה פון רמת־רחל. א קויל האט אים געטראפען אין אויג און זי ארויסגעשאסען. „קריך מיט מיר" — האט אים געזאגט אברהם קויפמאן. ער וויל ניט קריכען, ער וויל געהן. קריכט אוועק ווייטער אברהם קויפמאן און לאזט דעם אינגעל פון ירושלים געהן אליין. זעהט ער, א חבר געהט מיט'ן וועג. „לייג זיך, קריך" — באפעהלט אים אברהם. יענער וויל ניט, ער וויל גלייכער קריגען א קויל. אברהם איז געקראכען ווייטער. ער איז געבליבען צו דערציילען די געשיכטע פון רמת־רחל.

אין דער צייט, ווען ער איז געקרא־כען צווישען די קוסטעס, איז דאך אנגעקומען א אידישער הילפס־באטא־ליאן אין רמת־רחל און האט זיך דאר־טען אריינגעריסען, ווען די אראבער זיינען געווען פאר'שיכור'ט מיט'ן רויב און האבען זיך ניט געקאנט אפרייסען פון די איבערגעבליבענע בהמות. דער הילפס־באטאליאן האט אין אן אומ־געריכטער און שנעלער אטאקע פאר־נומען רמת־רחל און געפונען אויפ'ן הויף 47 טויטע אראבער.

ווען אברהם קויפמאן האט זיך דער־שלעפט צו א אידיש הויז, האט ער — ווי ער דערציילט — זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד און איז איינגעשלאפען. „שלאף, שלאף — האט ער געזאגט — כדי צוריק צו באקומען כח. ירושלים טאר ניט פאלען!"

## אינגלעך פון דייטשע לאַגערן אין קעלער פון נאַטער־דאַם

ווען איך בין אראפגעקראכען פון דאך פון חרוב'ן נאטער־דאם, פון וועל־כען איך האב געזעהן די סביבה פון אלט־ירושלים און ניי־ירושלים, געזעהן אפילו סאלדאטען פון אראבישען לעגיאן, באוואכענדיג די גרעניץ צווי־שען אלט־ירושלים און ניי־ירושלים,— ווען איך בין אראפגעקומען אין קעלער פון נאטער־דאם, האב איך דארטען גע־זעהן א קליינע אידישע מיליטערישע גרופע, וואס ליגט אויף דער ערד ביי איר געוועהר, און האב פארפירט מיט זיי א קורצען שמועס.

און איך הער ווי יונגע אידישע אינג־לעך, ניט לאנג געקומענע פון די דייט־שע לאגערען, זאגען: „די מלחמה איז נאך ניט געענדיגט. ווער ווייס וואס עס וועט נאך זיין".

ליגען זיי דא אין קעלער און היטען — ווער ווייס, טאמער... ווייס איך וואס...

איך האב דעמאלט גוט געפיהלט, אז די אידישע אינגלעך אין קעלער, וואס היטען די גרעניצען אויף „טאמער, ווייס איך וואס..."; די בחורים, וואס זיינען אומגעקומען אין רמת־רחל, די גבורים, וואס זיינען געפאלען אין ירושלים און ארום ירושלים, זיינען ניט קיין צופעליגע אידישע גבורים. זיי זיינען רינגען און איין קייט, איין א לאנגער קייט פון גבורה און קידוש השם, וואס טראגט זיך זינט דורות און דורות איבער די פלעטלען פון דער אידישער געשיכטע.

* * *

דאס, וואס איך האב דא דערציילט, זיינען אייניגע טראפען אין דעם גרוי־סען ים פון קידוש־השם, וואס איז אויסגעגאסען געווארען אויף די בערג פון ירושלים, אויף די וועגען, וואס האבען געפירט צו דער היילינגער שטאט. עס איז צו פארשטעהן פארוואס עס ציטערען אזוי די הערצער פון די אידען אין ישראל, און ניט נאר אין ישראל, ווען זיי הערען, אז דורך אייז־קאלטע באשלוסען פון אונטערנאציאנאלע קאמיטעס וויל מען צונעמען ירושלים פון ישראל.

איך האב פארשטאנען און פאר־שטיי גאנץ גוט אברהם קויפמאן'ען, וועלכער האט, נאך קריכען, א פאר־בלוטיגטער, צווישען שטעכעדיגע קוס־טעס, געשעפטשעט: „ירושלים טאר ניט פאלען!" אט די אברהם קויפ־מאנס זאגען איצט: „ירושלים טאר ניט צוגענומען ווערען פון ישראל!"

# דער פעטער פון אַמעריקע

(שלום פון פעידוש 2)

— ניין, דאס נישט. ר'איז עס נישט ווערט. א שפיי—יא.

דער קעלנער האט צוגעבראכט זע־מעל באשמירט מיט פוטער.

— קיין וואסער גיט מען דא נישט?

— וואסער? איין מינוט.

— ביי אונז אין אמעריקע דער־לאנגט מען קודם־כל א גלאז וואסער.

— צו וואס וואסער?

— ס'איז געזונט.

— פאר'ן עסען?

דער קעלנער איז צוגעקומען מיט א גלאז וואסער. ס'איז געווען א גע־פיאנגער גלאז, וואס מ'זעהט מער נישט אין אמעריקע. סעם ווענגראווער האט פארזוכט און זיך פארקרימט.

— ווארעם. ביי אונז טוט מען אריין אין וואסער אייז.

— פון אייז קען מען זיך נאך פאר־קילען.

— מ'פארקילט זיך נישט. ביי אונז ווערט אלץ געהאלטען אין אן אייז־באקס, אדער א פרידזשידעיר. אייז איז אין אמעריקע א גרויסע ביזנעס.

— וואס איז אין אמעריקע נישט א ביזנעס?

— אלץ איז ביזנעס. טוט א קוק אויף די ליידיג־גייער דא. זיי זיצען אפ שטונדען און לייענען די צייטונ־גען. ביי אונז אין אמעריקע וואלט א רעסטאראן נישט געקאנט עקזיס־טירען פון אזוינע קוועטשערס. מ'עסט אפ און גוד־באי. וויפיל קאן דער רעסטאראן איינגעמען, אז זיי זיצען א גאנצען טאג מיט די פעיפערס?

— און וואס טוט מען, אז מ'וויל לייענען א צייטונג?

— מ'קויפט א צייטונג און מ'גייט אהיים.

— כ'האב פיינט דאס לאנד, כאטש כ'בין דארט קיינמאל נישט געווען. אנטשולדיגט מיר, מיסטער ווענגרא־ווער, פאר מיין אויפריכטיגקייט. ס'איז דארט דא א סארט מאטעריאליזם, וואס כ'וואלט קיינמאל נישט פאר־טראגען.

— כ'האב עס אליין אויך נישט גע־גליכען ווען כ'בין געווען א גרינער. ווען כ'בין געקומען קיין ניו יארק און דערזעהן דעם הארי־אפ, האב איך גע־וואלט צוריקלויפען. א נס וואס כ'האב נישט געהאט אויף קא' שיף. אין יע־נער צייט זענען נאך געווען די סוועט־שאפס. איצט זעה איך די מעלות אויך. אמעריקע שטייט אויף ארבייט. דער־פאר האבען מיר געוואונען די מלחמה.

— צו וואס ארבייטען, אז מ'האט נישט קיין רו? איך פערזענליך האב פון קינדוויז־אן געארבייט. און וואס האב איך? ס'איז נישט קיין לייכטע זאך פאר א פרוי צו ווערען אן אד־וואקאט. ביי אונז אין גימנאזיע מוז מען שטודירען לאטיין און גריכיש אויך. אין אוניווערזיטעט האבען מיך די סטודענטען פארפאלגט. סאי א אי־דיש קינד און סאי א פרוי. דאס איז שוין פאר די כוליגאנעס צופיל.

— ביי אונז פארפאלגט מען קיי־נעם נישט. ביי אונז שטייען די פרויען אין־גרויסען. יעדעס מיידעל איז ביי אונז א לעידי...

— אט איז אייער מאראנצען־זאפט.

סעם ווענגראווער האט געטאן א בליק.

— ביי אונז מאראנצען־זאפט ווערט דורכגעזייגט. דא גיט מען עס מיט די קערנדלעך. ס'איז ווארעם אויך. פוי! זיי האבען אריינגעטאן צוקער!

— וואס איז שלעכט? ווען נישט, איז זויער.

— גוטע אראנדזשעס זיינען נישט זויער. וועל, ס'איז אל־ראיט. דענקט נישט, אז איך בין עפעס א צעפיעש־טשעטער מאן. איך קאן עסען א שטי־קעל טרוקען ברויט אויך, אז כ'מוז. דעריבער האב איך נישט קיין מורא פאר קיין קריזיס. איך קאן וואוינען אין א צימער פאר דריי דאלאר א וואך. פיר אזייגער דארף איך זיך טרעפען מיט א אידישען ליטעראט. ווי הייסט ער, דער יאלד? כ'האב שוין פארגע־סען. זי הייסט מינא קראסנע.

— כ'קאן נישט קיין אידישע לי־טעראטען און אויך נישט קיין אקט־ריסעס. איר זענט ערשט געקומען און איר זענט שוין אויסגעקאכט מיט אלע־מען. איר האט ליב מענשען און איך האב זיי פיינט. דאס איז דער אונ־טערשיד.

— וואס האט איר צו מענשען?

— וואס זיינען מענשען? די גע־מיינסטע חיות. זיי הרג'ענען אלע בא־שעפענישען און איינער דעם אנדערען פאר א צולאג. קיין שום חיה זאגט נישט קיין ליגענס. בלויז דער מענש איז אן עקלהאפטער ליגנער!

— ווען א חיה וואלט געקאנט רע־דען, וואלט זי פיליכט אויך געבלאפט.

— נישט אזויפיל ווי א מענש. נעמט מיין פאל. ער האט גענארט און גע־שווינדעלט ביז דער לעצטער מינוט. ער האט געהאנדעלט ווי א פארברע־כער און א משוגע'נער דערצו. ער האט מיך אויסגעשטעלט פאר א נאר און פארשעמט מיינע עלטערן. ער ווייסט גאנץ גוט, אז מיין מוטער האט א ראק... ווי ער וואלט עקסטרע געוואלט מיר וויי־טאן. אבער פארוואס? ווייל איך האב אים אלע יארען ליב געהאט און אים פארטיידיגט? אט־דאס איז א מענש. און מיין שוועסטערל איז נישט בעסער. זי וויל מיקלאמפערשט אויסלייזען די מענשהייט. נאר אליין איז דאס א שלאנג. איך אליין בין אויך שלעכט. איך האס אלעמען און זיך אויך...

— ע, איר קאנט שעהן רעדען. איכ'ל מיך נאך אין אייך שטערבליך פארליבען. דאס ט'זיין די ענד!...

— איר'ט מיך פונקט אזוי גיך פיינט קריגען.

— כ'קען קיינעם נישט פיינט הא־בען. מיין בעסי עליה השלום האט מיר פארביטערט ס'לעבען, נאר אז ס'זע־נען אריבער דריי טעג און זי'ט מיך געלאזט געמאך, האב איך אלץ פאר־געסען. מיר'ן פארען צוזאמען קא' פא־ריז און אין דער שווייץ און קא' לאנ־דאן, און וואו איר ווילט. אויב איר ווילט אים אנשפייען אין פנים, קאנען מיר צופארען קיין פאלעסטינע אויך, נאר ס'איז איבעריג, איבעריג. אויב דער נדן איז אים ליבער ווי א שעהן, קלוג, געלערנט מיידעל, זאל ער זיך האלטען מיט די פאר טאלער. איך האב נישט זיין בילדונג, נאר איך וואלט געשלאגען כפרה מיט צען נדנ'ס פאר אזא מיידעל ווי איר. ווייל מיט אייך וואלט איך געקאנט זיין גליקליך!...

פאניע האט א ווייל געשוויגען.

— איר רעדט אזוי, ווי איר וואלט עס געמיינט ערנסט.

— כ'בין אין אייך פארליבט.

— אזוי גיך?

— איך טו אלץ גיך. איך וואלט שוין היינט ביינאכט געוואלט מיט איך אוועקפארען אויף א האנימון!...

— מיט וויפיל ווייבער האט איר זיך גע'גט?

— אפילו נישט מיט קיין איינער.

— דאס איז מאדנע. איך וועל אייך עפעס זאגען, נאר באליידיגט אייך נישט: איר האט אין זיך עפעס פון זדושיסלאוו עלבע. ער טוט אויך אלץ אויף דער הייסער מינוט. איך אליין בין ליידער אויך אזוי. איך האב איצט איין פארלאנג: אדער שטארבען, אדער אוועק אויף אן אינזעל און מער קיינמאל נישט אנקוקען קיין מענשליך פנים.

— איכ'ל קויפען פאר דיר אן אינ־זעל. מאדעירא איז אויך אן אינזעל. איכ'ל אויסבויען א ווילע מיט די פענ־סטער צום ים, און ארום וועל איך אויפשטעלען א מויער. דריי וועלף ווע־לען היטען, אז קיינער זאל נישט אריינקומען.

— לויט פאר א ניו־יארקער ביז־נעסמאן, האט איר פאנטאזיע. אט זיי־נען די אייער!

— זיי קאנען דא נישט מאכען קיין פאנקוכען. ס'איז צו־טרוקען. אין אונ־זער פאלאץ וועלען מיר האבען אן ערשט־קלאסיגע קעכין.

— א שעהנע, הא?

— פארוואס עפעס?

— איר זאלט קאנען מיט איר פלירטען.

— איר זענט שוין איפערזיכטיג?

— ניין, פאניע ווענגראווער. עס האלט נאך נישט אזוי שלעכט. נאר איר זענט פון די מענער, וואס אז די פרוי גייט ארויס פון שטוב, נעמט איר זיך גלייך צו דער דינסט.

— ס'איז א ליגען. איר האט איין חסרון: אי זענט צו־קלוג.

— איך קאן מיינע פאפענהיימער. אזוינע מאנסלייט ווי איר פארליבען זיך יעדען טאג אין אן אנדערער. איך וואלט אפשר אליין אויך אזוי געווען ווען כ'בין א מאנסביל, אבער צום באדויערן בין איך א פרוי. וואס עסט איר אזוי גיך? קיינער וועט אייך נישט אויסכאפען, ווי מאמא זאגט.

— מיר דארפען נאך זיין היינט ביים אדוואקאט און פיר אזייגער מוז איך זיך טרעפען מיט דעם ליטעראט און דער אקטריסע. איר מוזט מיר צו־זאגען, אז איר'ט דארט אויך זיין.

— אבסאלוט נישט!

— אבסאלוט יא. אהן אייך איז מיר לאנגווייליג. אלץ וואס זיי ווילען, איז א פאר דאלאר. און זיי וועלען עס קריגען אויך. איר האט א שעהן מויל. ס'איז גוט צו קושען אזוינע ליפען!

— טרינקט בעסער די קאווע. מיינע ליפען זיינען פול מיט גאל און גיפט, ווי די פאטען דריקען זיך אויס.

— אזא גיפט האב איך ליב. די קאווע איז קאלט. קומט, מיר וועלען שוין טרינקען ערגיץ אנדערש.

סעם ווענגראווער האט באצאלט דעם קעלנער און איבערגעלאזט א זיל־בערנע זלאטע אויפ'ן טיש. פאניע האט אנגעקלונגען צום אדוואקאט, נאר ער איז גראד געווען אין געריכט. ס'איז פארגעקומען א קאמוניסטישער פרא־צעס. סעם ווענגראווער האט צוגערו־פען א טאקסי און פאניע האט געהיי־סען פארען אין די לאזשענקעס. ווי אנדערש דא איז געווען פון צענטראל פארק! אין צענטראל פארק האבען זיך געוואלגערט פאפירען. פארלעך זיינען געלעגען אויפ'ן גראז. אינצוויי־שען האבען געגרילצט אויטאמאבילען. דא איז געשטאנען א פריצי'שע שטיל־קייט. א לאנג־פארגעסענע פרישקייט איז געלעגען אויף די געדיכט־באבלע־טערטע ביימער, אויף די בליענדיגע קוסטען, אויף די נישט־געשווירענע לאנקעס, פול מיט ווייסע, רויטע, גע־לע בלימלעך. ס'האט געשמעקט מיט ציוויקוועער ריחות. מ'האט דא זעלטען געזעהן א פארל. מ'האט נישט גערעדט, נאר געפליסטערט. ס'האט דא געמוזט זיין א רייט־אקאדעמיע, ווייל ס'איז פארביי א הויכע שיקסע אין א מאנסבילישען קעסעלע־קאפע־ליוש אויף די פלאקסענע האר, אין רייט־הויזען און שטיוועלער. זי האט געפאכעט מיט'ן בייטשעל און נאכגע־קוקט א נייגעריגע סעם ווענגראווער'ן און פאניע'ן. פאר דער אזערע, נעבען דעם קעניגליכען פאלאץ, האבען ביידע זיך אפגעשטעלט. שוואנען זיינען ארומ־געשוואומען, שניי־ווייס, הויך־האלזיג, פול מיט מאיעסטעטישען שטאלץ. דער שלאס האט זיך געשפיגעלט אין וואַ־סער מיט זיינע לאנגע פענסטער. די לופט איז געווען פול מיט צוויטשער־ניש פון פייגעל. איבער אלעמען האט געהויערט א בלויער זומערדיגער הי־מעל, מיט רעשטלער וואלקענדלעך, וואס האבען דארט, אין די הויכען, געהאלטען אין איין צעגיין און אין איין בייטען זייערע פארמען. פון מאל צו מאל האט א שאלעניש אפגעהילכט, ווי אין א וואלד. פאניע האט געגאפט ערגעץ ווייט אוועק. סעם ווענגראווער האט זיך צוגעזעצט אויף א באנק. ער האט טיף איינגעזויגען די הינטער־שטאטישע לופט, די בשמים'דיגע גע־רוכען. א פארטראכטקייט האט אים ארומגענומען און א מנוחה, וואס ער האט שוין נישט פארזוכט מי־יודע ווי־פיל יאהרען. ער האט אנגעטאפט דעם דופק. דער פולס האט געקלאפט נישט צו־גיך, נאר צו־פאמעלאך. ער האט א בליק געטאן אויף דער קני. א געלבליך ווערימעל מיט שווארצע פינטעלעך איז ארומגעקראכען. אין ציוקעוו האט מען עס גערופען: מלך־משיח'ל. וואס פאר אן אויסטערלישער נאמען; וואס פאר אן אויסטערלישע וועלט! צוליב אזא פאר מינוט איז אלץ כדאי, האט סעם ווענגראווער געקלערט. ער האט פלוצים ביי זיך אפגעפאסט מער נישט אוועק־צולאזען די פאניע'ן. זי'ט זיין מיין ווייב — האט ער צו זיך געמורמעלט.

— די מויד איז אין פעקל!...

(ווייטערס — קומענדיגען שבת)

















LAKEWOOD, N. J. — לעיקוואוד, נ. דזש.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

וואס האט זי דען פאַרלאַנגט פון לעבען? געזיכערטקייט און א ביסל פרייד. אט־די זאכען זיינען ביי איר אלעמאל געווען פארבונדען מיט רייכקייט. געלט וועט איר באשיצען פון אלע דאגות, פון אלע שלעכטס. דער שאטען פון ארעמקייט האט אלע יארען איר געשראקען. און איר מאן, סעם, וועט קיינמאל ניט ווערען רייך. דאס האט זי גוט געוואוסט. סעם האט גאר קיין אמביציע ניט געהאט פאר דעם. איר לעבען מיט אים וואלט געווען א נעבעכדיגער, א שווערער, און קיינמאל וואלט זי ניט דערגרייכט צו די אלע גוטע זאכען, וואס זי האט געגלוסט.

איצט איז זי אליין אויפ׳ן וועג צו ווערען רייך, און קיין ׳געלט פעלט איר ניט אויף לעבען. אירע כוחות און פעהיגקייטען האבען זיך ערשט גענומען פאנאנדערוויקלען, און עס פעלט איר ניט אוים קיין מוט און קיין קוראזש, אז זי זאל ווידער געהן אויף דעם וועג, וואס זי האט זיך געלאזען. דאך, אין די זעלטענע מינוטען, ווען זי איז אליין מיט זיך, האט געקענט טרעפען, אז זי זאל געבען א טראכט אויף צוריק:

„צוליב וואס דארף זי דאס אלץ, דער גאנצער האווען אירער?"

עפעס האט זי דא ניט גוט געטאן; עפעס האט זי דורכגעלאזען זעהר א וויכטיגע זאך. עס פעלט אין איר לעבען דאס פשוט'ע, טאג־טעגליכע זארג און פרייד, וואס עס איז פאראן צווישען מאן און ווייב אין זייער צוזאמענלעבען. ווען סעם איז נאך געווען אין דער היים, האט זי אזא סארט פוסטקייט ניט געפיהלט. אפילו דאס ארומקריגען זיך מיט אים האט געהאט עפעס א באזונדערען טעם, א ציל...

נאר בעלא האט צו־לאנג ניט געוואלט זיך אריינטראכטען אין דעם. זי האט פארהארטעוועט איר הארץ, און איר האט זיך געדוכט, אז זי וואלט שוין ניט געקענט אויפגעבען איר איצטיגען סארט לעבען און ווערען צוריק א היימישע באלעבאסטע, אפילו ווען זי וואלט דאס געדארפט טאן.

צי ווייסט ער, סעם, איר מאן, ווי זי איז פאר דער צייט געשטיגען העכער, ווי זי איז איצט אנגענומען ביי מענשען, ווי זי איז געווארען אליין אן אויפטוערין? ביי בעלא׳ן איז אין יענער צייט געווען שטארק די אמביציע זיך אויסצוצייכענען מיט עפעס. און זאל ער וויסען... זי האט דעם מאן אירען ניט אפגעלאזען פון אויג די גאנצע צייט. זי האט אויפגעזוכט אלטע באקאנטע, מענשען וואס האבען סעם׳ען געקענט, און פון זיי האט זי זיך דערוואוסט ווי ער לעבט איצט און וואס ער טוט. ווי פארנומען זי איז איצט געווען, האט זי אויף דעם געהאט צייט.

עס זיינען צו איר דערגאנגען רייד, אז ער פירט זיך ארום מיט אנדערע פרויען. זי האט אויסגערעכענט דאס ערגסטע — יענע פרויען זיינען מסתמא אויך ניט קיין לייטישע. און זי האט דאס אים געהאלטען פאר א שטילינקען, א נעבאכעל. איצט גלויבט זי שוין אויף אים אלץ. זי האט אזוי ווי געוואלט אים ביי זיך אליין פאר־מיאוס׳ן...

אבער אין דער זעלבער צייט האט זי זיך ווענען אים דערוואוסט זאכען אויך פון אן אנדער סארט, אז ער איז איצט אריינגעטאן מער אין כלל־ארבייט. ער טרעט־ארוים אויף אלערליי פארזאמלונגען און ער האלט רעדעס, ער נעמט־אוים ביי אלעמען און ער האט געקראגען א נאמען פאר א וויכטיגען טוער אין כלל־ענינים.

„וואס דען", האט זי מיט פארדרוס אין זיך געטראכט, ווי זי וואלט וועלען פארקלענערען זיין ווערדע, „מיט זיין גלאטען צונג"... זי געדענקט נאך גוט, ווי ער טויג זיך אוים אויף רעדען...

און איר, בעלא׳ן, זיין ווייב, האט ער געהאלטען פאר א פראסטער פרוי, וואס ווייסט גארניט, אויסער דער קיך. זי וועט אים נאך אמאל ווייזען וואס פאר א טעות ער האט געהאט אין איר. און די אמביציע אין איר האט זיך דערמאלט געשטארקט, אויסצוגלייכען זיך מיט אים, אים צו ווייזען, אז זי קען אויך מיט עפעס אויסצייכענען זיך. און דאס האט יעדען מאל ארויסגערופען אין איר א נייעם קוואל פון ענערגיע, ניט אפלאזען זיך, נאר געהן ווייטער מיט איר אנגעהויבענעם וועג.

## צווייטער טייל

### דרייסיגסטער קאַפּיטעל

די טעג ביי עלינאר'ן האבען זיך געצויגען שווערע, אומעטיגע. אלע טאג האט מען געמוזט אויפשטעהן פריה, אויף גיך זיך געבען א טו־אן, עפעס איבערבייסען און לויפען אין סקול לערנען. נאך סקול האט זי זיך געפיהלט מיד, אויסגעשעפט, געבליבען שטעהן אין גאס — וואו זאל זי איצט געהן? איינמאל איז אזא פארנאכט האבען אירע פיס, ווי פון זיך אליין, איר אוועקגעפירט אויף דעם וועג צו מארטא'ס וואוינונג. עס איז געווען א לאנגער וועג, נאר איר האט דאס ניט געארט.

זי האט ווידער דערפיהלט א נויטווענדיגקייט צו זעהן לעבעדיגע מענשען, צו זעהן פריינט. ווען זי איז נאך געווען מיט לארי'ן, האט זי, ניט־וויילענדיג, זיך אפגעזונדערט פון דעם „באנטש", אירע באקאנטע בחורים און מיידלעך. זי האט זיי דעמאלט וועניג געזעהן. לארי איז געווען צופיל פארנומען, און אהן אים האט זיך איר ניט געגלוסט אין ערגעץ געהן. זי איז געווען אזוי פול מיט זיך, אז זי האט גאר קיינעם ניט געדארפט. נאר צו מארטא׳ן האט עלינאר פון אלעמאל געהאט א באזונדערען געפיהל. מארטא האט פארמאגט א סך ווארעמקייט פאר מענשען. זי האט געקענט זיין א פריינט, און צו עלינאר׳ן איז זי באזונדערס געווען מאמעדיג־געטריי. נאך אין יענע צייטען, איידער עלינאר האט לארי׳ן געהאט, ווען זי איז געווען קרענקליך־קאפריזנע, ווען איר האט זיך געדאכט, אז זי איז פון אימעצען באליידיגט געווארען און זי איז געווען אויפגערעגט, פלעגט זי קומען צו איר חבר׳טע מארטא זיך אויסרעדען דאס הארץ. און מארטא מיט איר גוטען פנים און דעם אפענעם שמייכעל האט געווירקט אויף איר בארוהיגענדיג. האט עלינאר איצט, ווען זי איז געווען אין א צרה, געבענקט נאך איר.

ווי אלעמאל, האט מארטא איצט זיך מיט איר דערפרעהט:

— א, עלינאר, גוט וואס דו ביזט געקומען!

זי האט איר דערציילט ווי איר מאן, סידני גרינפעלד, דער לאיער, האט איצט אריינגעקראגען א וויכטיגע „קעיס", וואס וועט אים אפשר מאכען א גרויסען נאמען.

— ער וועט היינט זיין שפעט אין זיין אפיס. איך האב געמיינט איך וועל שוין דארפען זיין אליין דעם גאנצען אווענט.

— איך בין, הייסט עס, געקומען פונקט אין צייט — איז עלינאר אויך געווען צופרידען.

מארטא האט איצט געשוואנגערט. איר פיגור איז געווען פול אויסגערונדיגט און אנגעקוואלען. דער בויך איז געוואקסען און זיך געהויבען הויך. זי האט א סך פארלארען פון איר שיינעם אויסזען. נאר דער חן און איר פנים איז פארבליבען, און אויך דער גוטער, אפענער שמייכעל. זי האט געטראגען די צוגעקומענע וואג און זיך מיט לייכטקייט און מיט א סך ווירדע. עלינאר האט זיך ניט געאיילט צו דערציילען פון איר אייגענער צרה, וואס זי טראגט אין זיך, און מארטא האט נאך פון גארניט ניט געוואוסט. א רואיגע און א גליקליכע האט זי זיך אפגערופען צו עלינאר׳ן:

— דו האסט נאך גוט ניט געזעהן מיין נייער היים. קום, איך וועל דיר ווייזען די צימערען — האט זי איר אנגענומען פאר דער האנט און אנגעהויבען פירען איר פון איין ווינקעל צום אנדערען. און עלינאר איז א שווייגענדיגע איר נאכגעגאנגען.

מארטא האט נאך איר חתונה זיך ארויסגעקליבען פון איר מאמען און א קורצע צייט האט זי געוואוינט מיט איר מאן פאר זיך אין אן אפארטמענט הויז. איצט האבען זיי געקויפט א קליינע, פריוואטע הויז אויף אויסצאלען. זיי האבען געהאט איצט אן אייגענע היים. מארטא איז געווען זעהר שטאלץ מיט זייער אויפטו, און איר פנים האט געשיינט ווען זי האט פון דעם גערעדט.

— פרעג שוין גארניט וויפיל ארבייט עס איז נאך פאראן דאס אלץ אויפצופיקסען, איבערמאכען און אויסשטאטען אלץ, אז עס זאל האבען דעם אויסזעהן פון א ריכטיגער היים — האט זי גערעדט, ארומגייענדיג מיט עלינאר׳ן פון איין צימער אין אנדערען.

איצט זיינען זיי אריין אין דעם געראמען ליווינג־רום. אלץ איז שוין דא געווען פארטיג. א „סטודיא־קאוטש" מיט א סך קאלירטע קישעלעך, ווייכע שטולען, לאמפען — עטליכע מיט קאלירטע אבאזשורען, אפילו בילדער עטליכע אויף די ווענט מיט שיינע לאנדשאפטען. אין איין ווינקעל ביי א פענסטער האבען זיך געפונען די בלומענטעפ מיט וואזאנעס אלערליי, א ראבער־פלענט, אלעאנדערס, קאקטוסען און געראניומס. זיי האבען פריש געגרינט און געווען גוט פאר׳ן אויג. מארטא האט מיט ליבשאפט און הנאה באקוקט יעדען געגענשטאנד דא. זי און איר מאן האבען זיך געגרונטעוועט און פארפעסטיגט אין זייער צוזאמענלעבען פאר די יארען וואס דארפען קומען, פאר זייער צוקונפט.

— דא פעלט נאך א טעפיך אויפ׳ן פלאר — האט געזאגט מארטא — מיר האבען עס שוין געקויפט און זיי דארפען עס אונז די טעג צושיקען.

(ווייטערעס — מארגען)

# די געשיכטע פון אידען און די נעמען פון די גאַסען אין תל אביב און ירושלים

פון משה גראַסמאַן

(שלום פון פּעריז 3)

רעס, מיט א ביקס אין האנט. אין דער טאג א ליכטיגער, זעהט מען שוין פון יענער זייט דעם אידישען אוניווערסיטעט, דעם הדסה־שפיטאל און דעם כותל־מערבי. בעסער וואס דאס ווייטער איז טריב איצט און מען זעהט נישט פונוויטענס—דאס אלץ ווילט זיך נישט זעהן בלויז פונדערווייטענס.

דאס תהילים־געזאנג פון די קינדער, וואס הערט זיך נאך דא אין דרויסען, מאכט גלויבען, אז אויך דעם צווייטען טייל ירושלים וועט מען אמאל נאך זעהן נישט נאר פון דער ווייטען.

* * *

א באזוך אין דער כנסת. אין ערשטען אידישען פארלאמענט. נודנע רעדעס. שארפזיניגע" באמערקונגען פון פארזיצער שפרינצאק. איינער לייענט פון א פאפיר ארוים א טראקטאט וועגען אנגעוואנדען מארקסיסטישע פרינציפען און לענינ׳שע טאקטיק. צווישען־רופען פון דעפוטאטען פון דער רעכטער זייט:

— די תורות פון ניינצען־פינף (1905) פאסען זיך פאר אונז ווי א יארמולקע פאר א קאזאק! לייענט ניט פאר אונז אויסצוגען פון בראשורען, וועלכע מיר קענען נאך פון אינגעלווייז!

דאס רייסען זיי איבער א רעדנער פון „השומר הצעיר". ווען ער געהט איבער צו רעדען וועגען ענין „אלטאלענא", שטעהען אויף די רעוויזיאניסטען־דעפוטאטען און ליארמען און טומלען, אז ער זאל וועגען „אלטאלענא" נישט רעדען, ווייל ער אליין טראגט אויף זיך א גרויסען טייל שולד פאר דעם אומברענגען די שיף און פאר די קרבנות.

איז שוין אינטערעסאנטער בעת דעם איבערקייס צו זיין אין די קולוארען און שמועסען מיט די דעפוטאטען פערזענליך, באגעגענען באקאנטע.

אריה שעפטל איז א נייער עולה, געווען אין די קאצעטען, אין ווילנער געטא. ער איז א דעפוטאט פון מפא"י. מ. שאפירא, א גראדנער, מיניסטער פון אינערן און עליה, איז דעפוטאט פון „הפועל המזרחי". אורי צבי גרינבערג — פון די רעוויזיאניסטען. אלע רעדען מיט אונז, פארשטעהט זיך, אידיש, נאר דער עקסטרעמער העברעער אורי צבי גרינבערג שרייט, קאן מען זאגען, אידיש. און ער שרייט מיט הארץ, אז ער וועט זיך איינשטעלען ביי די אנפירער פון ישוב, אז זיי זאלען זעהן גוט איינארדנען די אלע אידיש־שרייבער, וועלכע ווילען זיך דא באזעצען אין לאנד. אורי צבי גרינבערג, כאטש ער געהערט צו אן עקסטרעמער פארטיי, ווערט אבער געשעצט אלס גרויסער דיכטער פון גאנצען ישוב. מיט זיין ווארט רעכענט מען זיך, ווייל גרינבערג באנוגענט זיך נישט נאר מיט׳ן שעהנעם ווארט. ער איז א קעמפער, געזעסען ביי די ענגלענדער אין די היגע טורמעס. ער האט אין יאר 1938, שוין זייענדיג דער באריהמטער דיכטער, אלס שווארצארבייטער געארבייט אין א פרדס, דעמאלט שווער קראנק געווארען.

אין די קולוארען פון אידישען פארלאמענט זעהט מען נישט נאר געניטע רעדנער און פראפעסיאנעלע פארטייטוער, נאר אויך אידען מיט אן עול פאר׳ן גאנצען ישוב, פאר כל ישראל.

* * *

אויפצומארעגנס באזוכט הערצל׳ס קבר, געווען אין אוניווערזיטעט אין דער נייער געביידע. הונדערטער בהורים און בהורות פון דער גאנצער וועלט, ריידען עברית און עס רודערט זיך דער וויסענשאפט־בינשטאק.

געזעהן דעם צריף, די הילצערנע געביידע, אין וועלכער עס וואוינט שוין 22 יאר בן צבי, געוועזענער פארזיצער פון ועד הלאומי (ער וויל נישט קיין אנדערע דירה). גערעדט מיט דעם שרייבער יהודה ליס, פרעסע־לייטער פון קרן־היסוד, וועלכער דערצעהלט אזוי פשוט וועגען די שלאכטען, אין וועלכע ער האט אנטיילגענומען אין ירושלים, ווי ער מיט נאך צוויי האבען גענומען געפאנגען 150 אראבער סאלדאטען.

אויף דער גאס זעהט מען אין די הונדערטער וועלכע טראגען די אלט־אידישע טראכט, יונגוואַרג און עלטערע אידען אין ספאדיקעס, שטריימלעך, לאנגע זשופיצעס, מיט לאנגע שרויפען־פאות. א סך פון זיי געהערען צו דער נטורי קרתא, וועלכע פאסטען און זיינען אין טרויער אין דעם יארטאג ווען ס׳איז אנטשטאנען מדינת ישראל. זיי שרייבען מעמאראנדומס צו גוי׳שע מלוכות, אז זיי אנערקענען נישט די אידישע מדינה... אבער דאס זיינען נישט אלע אידען, וועלכע זיינען געבוירען אין ירושלים און טראגען די אלטע אידישע טראכט. אבער אלע זיי ריידען דווקא אידיש, חוץ אום שבת.

אין באס זעה איך אזא איד: אן ארימער, די בארד איז ביי אים פארקנאדערט, אויף איין אויג בלינד, מיט א פלאם אויפ׳ן פנים, און א פארפעצטער קאפאטע. דערקענט אז מיר זיינען נישט דא קיין תושבים, דערצעהלט ער פאר אונז מעשיות וועגען — גיהנום. וואסערע שלאנגען דארט זיינען פאראן, ווי אזוי זיי באפאלען די אפיקורסים, וועלכע שרייען אז זיי האבען חרטה אויף זייערע חטאים, אבער עס העלפט שוין נישט. צו־שפעט. ער משל׳ט אפ דעם אויסזעהן פון די שלאנגען, ווי ער וואלט זיי ערשט נאר וואס געזעהן. איך פרעג אים פון וואס ער האט פרנסה? — פון פלעטען. יעדע וואך פלעט ער אוים א תנ"כל, הונדערט נומערען צו דריי גרויש. אים קאסט עס א פונט, פארדינט ער צוויי פונט. די רעשט פרנסה ברענגט שוין דאס ווייב, פון אפשפרעכען עין־הרע׳ס.

נאכדעם האבען מיר זיך געטראפען מיט דר. קרוק, געוועזענער פירער פון דער אונאפהענגיגער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי אין פוילען. דא געהערט ער צו מפא"י, אבער ער האט געגרינדעט א באזונדערען, פרייען סאציאליסטישען קלוב, אין וועלכען מען פירט דיסקוסיעס. עס איז ווי א פאליש צו דער כנסת.

אבער אויף די גאסען פון ירושלים קלעפט מען איצט אפישען אין העברעאיש, אידיש און פראנצויזיש, אין וועלכע מ׳רופט צו א מיטינג וועגען ברידערען זיך מיט די אונטערדריקטע קאלאניאלע פעלקער אין דער וועלט. דעם מיטינג רופען די אידישע קאמוניסטען פון ירושלים... דערמאנט מען זיך אן דעם צווישענרוף וועגען א יארמולקע אויפ׳ן קאפ פון א קאזאק.

דערווייל טרעפט מען אן עולה פון פוילען, געקומען נאך פאראיארען. עס איז דאקטאר איזגור פון לאדזש. וועגען ישראל זאגט ער קורץ:

„וועט איר שטארק ליבען ארץ־ישראל, וועל איך זיך מיט אייך דינגען. עס וועט זיין וואס ארויסצודינגען; נאר טאמער קריטיקירט איר ארץ־ישראל, וועל איך אייך זידלען."







## פערזענליכעס און געזוכטע קרובים

פנחס טעפּפער, פון וואָבלאַטשין, פוילען, זוכט אַ טאַנטע, שרה טעקלער, געוואוינט אין ברוקלין.
JErome 7-7020 (23

שמיליק צאַלים, מוטער׳ס נאָמען מאַכלע, פון טאַסקע, וואָלינער גובערניע, לעבען סלאָוויטע, באַשעפטיגונג אין פּעיפּער־מיל; און ריווע לייזער׳ס, מוטער׳ס נאָמען יאָכע, פון טאַסקע, וואָלינער גוב., דאַרפען זיך געפינען אין באָסטאָן און נוארק, ווערען געזוכט פון רבקה לייבע׳ס, פון טאַסקע. שרייבט צו:
Mrs. Ruth Slade, 22 Shephard St. Lynn, Mass. (23

מינסקער לאַנדסלייט, אויפמערקזאם! דוד לאָסיצער, פון מינסק, אַ בוכבינדער, געלערענט מיט איהם צוזאַמען אין מינסקער תלמוד־תורה, ווערט געזוכט פון זיין חבר אהרן טיישאָף.
Harry Taishoff, 523 23rd Street Arlington, Va. (24

עס ווערען געזוכט הערמאַן גראָס און סאַראַ פעלדמאַן, געבאָרען אין יוישק, ביז 1918 האָט דאָס געהערט צו אונגאַרן. זייער פלימעניצע האָפמאַן וויל זיך שטעלען אין פאַרבינדונג. זאָלען זיי זיך אָפרופען אָדער ווער עס ווייסט פון זיי זאָלען לאָזען וויסען צו:
Dave Abramson, Portland, Indiana (23

# טאלסטאי און זײן װײב

**די שטורעמדיגסטע יארן פון טאלסטאי'ס פאמיליען-לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס-ראמאן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.**

פון לעאן קרישטאל

(פארטזעצונג פון פרייטאג)

ווילאם דזשענינגס בראיען איז טאקע געווען געקליידעט אויף א רוסישען. אבער אויך אויף א שטאטישען שטייגער. דער פוטערנער מאנטעל, וועלכען ער האט געקויפט אין מאסקווע, איז געווען לאנג און ברייט. אויף די פיס האט ער געטראגען ניט קיין שטיוועל, נאר שיך מיט קאלאשען. דער אמעריקאנער גאסט האט ערקלערט, אז ער קאן זיך קוים פארשטעלען ווי אזוי ער וועט קאנען פארען רייטענדיג אין אזא קליידונג. טאלסטאי האט אייגעזעהן, אז ער האט רעכט און האט אים באלד געגעבען צוגרייטען פאר'ן רייט-שפאציר אויפ'ן דארפישען שטייגער. צוערשט האט ער געהייסען בראיענ'ען אויסטאן די שטאטישע שיך מיט די קאלאשען, און האט אים געגעבען אנטאן א פאר וואלינקעס. דאן האט ער אים דערלאנגט א לעדערנעם גארטעל און האט אים געוויזען ווי אזוי צו פארשטעקען די ברייטע פאלעס פון פוטערנעם מאנטעל אין דעם גארטעל.

ווען בראיען איז געווען פארטיג צו דער רייזע, האט דער פורמאן פון טאלסטאי'ס „גוט" צוגעפירט צוויי אנגעזאטעלטע פערד, אויף וועלכע טאלסטאי און דער גאסט זיינען ארויסגעפארען שפאצירען. די צוויי רייטער זיינען געפארען איינער לעבען אנדערען א פאר שעה נאכאנאנד און זיי האבען געשמועסט צווישען זיך וועגען פאליטישע און רעליגיעזע פראגען. בראיען איז דעמאלט אלט געווען ניט מעהר ווי 43 יאר, טאלסטאי 75. און כאטש דער אמעריקאנער פאליטיקער האט אליין ניט פיינט געהאט צו ריידען, האט ער זיך אין אזעלכע געשפרעכען מייסטענס צופרידענגעשטעלט מיט שטעלען פראגען, מיט מאכען קורצע איינווענדונגען, כדי צו געבען טאלסטאי'ען א געלעגענהייט צו ריידען וואס מער.

טאלסטאי האט אין יענע געשפרעכען ערקלערט זיין בליק אויף רעליגיע און זיין איבערצייגונג, אז איינער פון די וויכטיגסטע פרינציפען ביי א רעליגיעזען מענשען דארף זיין ניט אנצואווענדען גוואלד-מיטלען אונטער קיינע אומשטענדען און ניט זיך צו ווערען מיט געוואלד געגען שלעכטס. בראיען האט אים דאן געשטעלט אזא פראגע: „אויב עמיצער וואלט פאר אייך אין די אויגען געמאכט א פארזוך צו פארגוואלטיגען א יונג מיידעלע און איר וואלט געהאט מיט זיך א רעוואלווער, דענקט איר דען, אז עס וואלט געווען א זינד צו שיסען דעם פארברעכער צו ראטעווען דאס מיידעלע?"

דארויף האט טאלסטאי געענטפערט: „איך קאן אייך נאר זאגען, אז איך בין שוין באלד אכציג יאר אלט און כ'האב קיינמאל נישט געהאט אזא פאל מיט א מיידעלע, וואס זאל באדערפען א גוואלד-טאט פון מיין זייט. אין דערזעלבער צייט זעה איך אויף שריט און טריט פאלען פון שלעכטס וואס נעמען זיך פון גוואלדטאטען. אייער ביישפיל מיט דער מיידעלע באווייזט אין בעסטען פאל, אז פאר יעדער טענה קאן מען וואס אפענטפערן, אדער — אז פאר יעדען כלל איז פאראן אן אויסנאם. דאס, וואס עס איז מעגליך צו געפינען אין פאל פון מיליאנען, ווען ס'איז אוממעגליך צו קעמפען געגען שלעכטס סאידען מען געברויכט גוואלד-מיטלען, פארמינערט אויף א האר ניט די באדייטונג פון דעם געבאט געגען געברויכען גוואלד. איר דארפט נעמען אין באטראכט, אז כאטש איך בין שוין אזא אלטער מאן האב איך נאך קיינמאל נישט געטראפען אזא אונערהערטען פארברעכער, וואס זאל מאכען א פארזוך צו פארגוואלטיגען אדער צו ערמארדען א מיידעלע פאר מיר אין די אויגען. אבער אין א מלחמה איז מיליאנען מענשען ערלויבט צו באגיין אהן א שיעור מארדען."

מער ערקלערונגען זיינען ניט נויטיג געווען. דער אמעריקאנער גאסט האט געלאכט און האט גערן צוגעגעבען, אז טאלסטאי'ס ערקלערונג איז דורכאויס צופרידענשטעלענד.

טאלסטאי האט געהאט א סך אנהענגער אין אמעריקע, איז אליין געווען א הייסער אנהענגער פון דעם אמעריקאנער הענרי דזשארדזש, האט זעהר הויך געשעצט א גאנצע רייע אמעריקאנער שרייבער און האט אפילו ליב געהאט גוטמוטיג חוזק צו מאכען פון טורגעניעוו'ן פאר האבען געזאגט, אז גוטע שרייבער האט ארויסגעגעבען ענגלאנד, אבער ניט אמעריקע. אבער פון דער נאענט האט ער געקאנט א זעהר-קליינע צאל אמעריקאנער. זיינע באגריפען וועגען אמעריקע זיינען דעריבער געווען שטארק באאיינפלוסט פון דעם וואס ער האט געלייענט אין צייטונגען. אזוי, צום ביישפיל, האט ער איינמאל דערציילט גאלדענווייזער'ן וועגען א געשיכטע וואס האט געדארפט ווייזען ווי געלט איז טייערער פון אלץ אין אמעריקע און וויפיל היפאקריטסטווא דאס ברענגט ארויס. די געשיכטע איז געווען וועגען אן אמעריקאנער אויל-מאגנאט, וועלכער האט געגעבען פינף מיליאן דאלער אויף אן אוניווערזיטעט, אבער דערביי האט ער געהעכערט דעם פרייז אויף גאזאלין מיט איין סענט אויפ'ן גאלאן ביז ער האט צוריקגעקראגען די פינף מיליאן. ווען טאלסטאי האט אבער געשמועסט מיט ווילאם דזשענינגס בראיען, איז ער געקומען צום שלוס, אז די געשיכטע מיט יענעם אויל-מאגנאט גיט שוין גארנישט קיין ריכטיגע פארשטעלונג וועגען אן אמעריקאנער. בראיען האט אויף אים געמאכט אן אויסערגעוויינליך-גוטען איינדרוק און ער האט אים באצייכענט אלס „מערקווירדיג-טיפזיניגען און פראגרעסיווען אמעריקאנער."

נאך גרעסער איז געווען בראיענ'ס באגייסטערונג פאר טאלסטאי'ען. ער האט טאקע דאן אין יאסנאיא פאליאנא געהאט א געלעגענהייט צו צייגען, אז ביי אים איז טאלסטאי דער וויכטיגסטער מענש אין גאנץ רוסלאנד. און ער האט די געלעגענהייט אויסגענוצט. געשען איז אט-וואס:

ווען בראיען איז געקומען קיין יאסנאיא פאליאנא, האט ער ערווארט צו האבען א געשפרעך מיט טאלסטאי'ען און באלד צוריקפארען קיין מאסקווע, פון וואנען ער האט אויף מארגען געדארפט פארען קיין פעטערבורג אויף אן אויפנאמע ביים צאר. ער איז אבער אזוי ווארעם אויפגענומען געווארען פון טאלסטאי'ען און דער וויזיט איז פאר אים געווען אזוי אינטערעסאנט און וויכטיג, אז ער האט געוואלט פארבלייבען וואס-לענגער. ווען טאלסטאי האט אים איינגעלאדען אז ער זאל פארבלייבען אויף נאך א טאג, האט בראיען לאנג נישט געטראכט און האט טעלעגראפירט צום אמעריקאנער אמבאסאדאר צוריקצורופען די אויפנאמע פאר אים ביים צאר. אן עקסטרא טאג ביי טאלסטאי'ען איז פאר אים געווען וויכטיגער ווי אויפגענומען צו ווערען ביי ניקאלאי דעם צווייטען.

ווען דער אמעריקאנער גאסט איז אוועקגעפארען, האט טאלסטאי געזאגט: „בראיען איז א דענקענדער מענש מיט א ברייטען בליק און איידעלע געפילען. ס'איז מאדנע וואס אזא מענש איז מיט'ן גאנצען הארצען פארטאן אין פאליטישער טעטיגקייט."

צו גאלדענווייזער'ן האט טאלסטאי דעמאלט געזאגט, אז ער האט א געפיל, אז דער ווילאם דזשענינגס בראיען וועט נאך אמאל זיין פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. מיר ווייסען שוין, אז דאס „געפיל" האט אים דאסמאל אפגענארט. בראיען איז קיינמאל ניט ערוויילט געווארען פאר פרעזידענט, אבער אין 1908 איז ער געווען צום דריטען מאל דער פרעזידענט-קאנדידאט פון דער דעמאקראטישער פארטיי. דעמאלט האט עם טאלסטאי — אלס ענטפער אויף אן אנפראגע — געשריבען א בריף, אין וועלכען ער האט אינדארסירט בראיענ'ס קאנדידאטור.

דאס איז טאלסטאי'ס בריף:

"28טער סעפט., 1908.

„טייערער מר. רייערסאן דזשענינגס":

„אלס ענטפער אויף אייער בריף פון 24טען אויגוסט, קען איך אייפריכטיג זאגען, אז איך ווינש מר. בראיענ'ען ערפאלג אין זיין קאנדידאטור פאר פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען.

„פון מיין אייגענעם שטאנדפונקט, וואס איז געגען יעדער צוואנגס-רעגירונג, קען איך נאטירליך נישט האלטען פון אזא אמט ווי פרעזידענט פון דער רעפובליק; אבער אזוי ווי אזא אמט עקזיסטירט, איז עס זעלבסטפארשטענדליך, אז ס'איז בעסער, אז ער זאל פארנומען ווערען פון א מענשען, וועלכער פארדינט צוטרוי.

„איך רעספעקטיר זעהר שטארק דעם מר. בראיען און איך סימפאטיזיר מיט אים. איך ווייס, אז דער פונדאמענט פון זיין טעטיגקייט איז זעהר נאענט צו מיינעם, דורך זיין מיטגעפיל צו די ארבייטער-מאסען, דורך זיין געגנערשאפט צו מיליטאריזם און דורך



דעם וואס ער זעהט-איין די ווידערשפרוכען פון קאפיטאליזם.

„איך ווייס ניט אויף זיכער, אבער איך האף, אז מר. בראיען וועט ארויסטרעטען פאר דער לאנד-רעפארם לויט דער סינגעל-טעקס סיסטעם פון הענרי דזשארדזש — א רעפארם, וואס איך באטראכט פאר דער דרינגענדסטער נויטווענדיגקייט אין דער איצטיגער צייט און וואס יעדער פראגרעסיווער רעפארמער דארף ברענגען צום פארדערגרונט. אייער איבערגעבענער, ליעוו טאלסטאי."

ווי ווייט ס'איז באקאנט, איז דאס געווען דאס איינציגע מאל אין טאלסטאי'ס לעבען, וואס ער האט „געשטיצט" א קאנדידאט פון א פארטיי פאר א פאליטישען אמט.

אין טאג-טעגליכען לעבען איז טאלסטאי געווען א מענש מיט מענשען גלייך און נאך א גאנץ קאפריזנער דערצו. ער האט אויך געהאט א טבע צו ריידען פריי און אפען, ווי אזוי די געדאנקען זיינען אים איינגעפאלען, נאך איידער ער האט געהאט א מעגליכקייט זיי דורכצוטראכטען. ער האט אויך ליב געהאט „אויסצופרובירען" אזעלכע געדאנקען אויף באקאנטע צו זעהן וואס פאר אן איינדרוק זיי מאכען. א סך פון טאלסטאי'ס געדאנקען און איינפאלען זיינען, פון ארומיגע מענשען, פארצייכענט געווארען אין זייער רויער פארם. ווען מ'לייענט זיי שאפט זיך א באגריף ווי אזוי דער קאפ האט ביי אים געארבייט. אבער אין דערזעלבער צייט איז ניט ריכטיג אנצונעמען זיי פאר זיין „לעצט ווארט". דאס זיינען פארט געווען רויע געדאנקען און ניט מער. זיי באקומען זייער ווירקליכע ווערט און א באדייטונג ערשט ווען מ'ווערט גוט באקאנט מיט זיינע ווערק, מיט זיין לעבען, מיט זיין וועלט-אנשויאונג און מיט זיין כאראקטער.

אלס א ביישפיל פון טאלסטאי'ס „רויע" געדאנקען קאן דינען א לענגערע באמערקונג וואס ער האט געמאכט צו זיין אידישען פריינט, דעם פיאניסט גאלדענווייזער, וועגען אידען. גאלדענווייזער דערציילט, אז טאלסטאי האט געזאגט:

„עס זיינען דא דריי קאטעגאריעס אידען. איין קאטעגאריע באשטייט פון גלויביגע, רעליגיעזע, וועלכע שעצען טיף זייער אמונה און היטען-אפ אירע מצוות; א צווייטע קאטעגאריע באשטייט פון קאסמאפאליטען, וועלכע שטייען אויף דער העכסטער שטיפע פון באוואוסטזיניגקייט; די דריטע קאטעגאריע, די מיטעלסטע, באשטייט פון אזעלכע, וואס באהאלטען זייער אידישקייט און שעמען זיך אפילו מיט זייער אידישקייט. אין דערזעלבער צייט זיינען זיי פיינדליך צו אנדערע נאציאנאליטעטען, נאר זיי באהאלטען דיראזיגע פיינטליכקייט זייערע ווי הינטער דער פאלע. פונקט ווי מיר זיינען סימפאטיש די ערשטע צוויי קאטעגאריעס, אזוי איז מיר אומסימפאטיש די דריטע קאטעגאריע."

(ווייטערס — מיטוואך)

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראזע שושנה

(פארטזעצונג)

## ווען פון שפעלע ווערט א לייב

ווען חנה, וועלכע איז נאכגעלאפען דזשייקאב'ן, איז שוין געווען ביי דער טיר, איז בעקי פון דער סצענע געווארען נאך ווילדער, זי האט חנה'ן פארשטעלט דעם וועג און האט זיך מיט פארביילטע פויסטען א לאז געטאן צו דער האלב-בלינדער חנה'ן.

— וואס האט איר געמאכט פון מיין הויז? וואס האט איר זיך אנגעזעצט אויף מיר?! ארויס פונדאנען! איר אויסגעלאסען געזינדעל, ארויס! ארויס! — האט זי ווילד געשריען און כסדר געווארען היסטעריש און זיך מעהר געווארפען מיט די פויסטען אויף חנה'ן.

שמואל איז געבליבען שטעהן ווי דערשלאגען. ער האט געזעהן ווי בעקי, זיין שוויגער, ווארפט זיך צו זיין מוטער מיט פארביילטע פויסטען; זי שרייט צו איר, אז זי וועט זי ארויסווארפען.

שמואל האט געפיהלט, ווי אלע בלוטען קאכען אויף אין אים.

מען ווארפט זיך אויף זיין אומגליקליכער, האלב-בלינדער מוטער, מיט פויסטען? וועניג פויסטען האט זי שוין געזעהן?!

און חנה, יין מאמע, איז געשטאנען, שטיל ווי א טויב. פון אירע בלינדע אויגען האבען זיך אנגעהויבען גיסען טרערען, מעהר פון שאנדע פאר איר חבר'טע, ווי פאר וועהטאג.

חוה מיט עטעלען זיינען געבליבען שטעהן ווי פאראליזירט. חוה איז נאך אלץ געווען אונטער'ן איינדרוק פון דזשייקאב'ן, דערצו די אנטוישונג. זיי האבען זיך דאך געפרעהט, וואס ער, שמואל'יקעל איז אריינגעפאלען אין א שמאלץ-גרוב, וואס ווייניג סטענס חנה האט א היים ביי איר איינציגען לעבען-געבליבענעם זוהן.

—אט דאס איז די היים? — האט חוה געמורמעלט און איז געווארען בלאס ווי די וואנט. — אט דאס איז דער שמאלץ-גרוב? איך מיין, אז דאס איז א שלאנגען-גרוב — און זי האט מיט א געוויין זיך געווארפען אויף חנה'ס האלז, געצערטעלט זי און גערעדט:

— און דיין שמואל דערלאזט, אז מען זאל דיך שלאגען, מען זאל דיך אזוי באהאנדלען? דאס איז דער זעלבער שמואל, פאר וועלכען דו האסט אזוי פיל מאל איינגעשטעלט דיין לעבען, כדי אים צו ראטעווען פון די היטלערישע הענט?

סעם איז געשטאנען אזוי ווי אן אפגעשמיסען קינד, און ניט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט אים. דער היינטיגער טאג איז שוין געווען אביסעל צופיל פאר זיין אויסגעמאטערט הארץ. ער איז געשטאנען אין ווינקעל פון ציכער מיט דעם קאפ אנגעשפארט אין וואנט, און צו זיינע אויערען איז דערגאנגען דאס כליפען פון זיין מוטער און חוה'ן, וועלכע האבען זיך געהאלטען ארומגענומען געלעגען איינע אויף דער אנדערער'ס אקסעל און געוויינט.

חוה האט געמורמעלט שטיל: — אזוי זיינען קינדער... קריגט מען א ווייב, פארגעסט מען די מאמע. אוודאי איז א יונג ווייבעל בעסער ווי אן אלטע, בלינדע מאמע. אבער ער, שמואל, זאל דאס טאן? ער?! — האט חוה גערעדט מיט וועהטאג.

חנה האט זיך שטיל צעכליפעט: — וואס איך האב דערלעבט? —

חנה האט ניט געזעהן, אז איר שמואל איז אין צימער. זי האט ניט געהערט, אז ער זאל זיך אנרופען, איז זי געווען זיכער, אז ער איז נישטא, און זי האט שוין גערעדט אביסעל דרייסטיגער.

— איך וויל ניט, אז מיין זוהן זאל דאס וויסען, ווייל ער האט ליב זיין ווייב און דאינעלע איז א גוטע טויב. אוי, חוה, חוה, איך בין אזוי אומגליקליך, מען פייניגט מיך דא אזוי שרעקליך. איך האב שוין ניט קיין כח. צו וואס בין איך געבליבען לעבען? איך בין דאך אן איבעריגע, ניט גוט צו ווערען א לאסט, איבעריג, ניט גוט, חוה, ניט גוט!

חנה האט געכליפעט און גערעדט:

—איך וויל ניט צוברעכען זיין לעבען, מיין טייער קינד, מיין איינציגער זוהן.

— דיין טייערער לעמעשקע, דיין שארלאטאן, וועלכער האט אומגליקליך געמאכט מיין קינד — איז בעקי ארויס מיט איר לשון. — איך וועל אייך ביידען ארויסווארפען פון מיין הויז, ביידען! דיך מיט דיין לעמעשקע — האט זי געשריגען מיט א שוים אויף אירע בלויע ליפען, און כמעט זיך געווארפען אויף דער אלטער.

דא האט שוין סעמ'ס געדולד געפלאצט. ער האט שוין מער ניט געקאנט זיך באהערשען. מיט א ציטערדיגער שטימע פון אויפרעגונג האט ער געשריען ווי א ווילדער:

— דו מכשפה! אוועק פון איהר פון מיין הייליגער מאמע! באריר זי נישט מיט דיינע שמוציגע הענט, ווייל איך וועל דיר דעם קאפ שפאלטען!! איר הערט, ארויס פון דעם ציכער, ארויס! אײדער עס וועט אן אומגליק געשעהן. איך וועל דיך דערהרג'ענען. ארויס! ארויס! — האט ער געשריען.

חנה האט קיינמאל נישט געזעהן איר זוהן אין אזא אויפגערעגטען צושטאנד. זי האט זיך איינפאך דערשראקען פאר אים און געוואלט אים בארוהיגען. אבער מען האט אין קיין פאל נישט געקאנט איינמעמען אים.

סעם איז געלאפען איבער'ן צימער און נישט געקאנט באהערשען זיך.

בעקי האט זיך שטארק דערשראקען און אנגעהויבען לויפען, אבער סעם איז איר נאכגעלאפען, געיאגט זי, געשפרונגען איבער שטולען כדי זי צו דערגרייכען און געשריען ווילד.

— געהט ארויס, ארויס פון דאנען! גיכער!. דא וואוין איך! דאס איז מיין צימער! איר הערט, מיין שטוב, מיין! מיין! איך האב טייער באצאלט. זעהר טייער פאר דעם דאך איבער'ן קאפ! ארויס פון דאנען! דא געפינט זיך מיין מאמע, איר הערט, מיין אומגליקליכע מאמע! וואגט נישט צו באשמוצען דאס ארט. מיין מאמע איז א הייליגע! איר הערט?! א הייליגע! דרך ארץ פאר איר, פאר מיין מאמען!

חנה'לע און עטעלע, וועלכע האבען זיך געפיהלט שולדיג, וואס צוליב זיי איז אויסגעבראכען דער סקאנדאל, האבען געפרואווט איינגעמען דעם צעבושעוועטען שמואל'ן.

עטעלע האט אזוי הילפלאז זיך צעוויינט און געבעטען זיך... שמואל'יק, איך בעט דיך, מיר צוליב, דיין מאמע'ן צוליב, מיין מומע חנה'לע צוליב. בארוהיג זיך. עס קאסט אונז אזוי פיל געזונט. האב רחמנות, בארוהיג זיך. אבער סעם האט קיינעם נישט געהערט. עס האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט משוגע געווארען.

דער ארימער סעם האט איצט אויסגעשטורעמט אלע זיינע ליידען פון דעם טאג, פון דער שרעקליכער נאכט, פון אלע טעג און אלע נעכט, זינט ער האט דערקענט דאינע'ן, זינט ער האט דערקענט דאס גיהנום פון זיין ביי זיין שווינגער בעקי אין שטוב. אלץ, אלץ, האט ער איצט אויסגעגאסען אין זיין ווילדען אנפאל. זיינע נערוועז האבען אויפגעהערט צו דינען. ער האט איינפאך נישט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט אים. ער האט געהאנדלעט אין דער ווירקונג פון זיין טראגיש לעבען, זיינע ליידען אין געטא, אין לאגערען, אין דעם גאנץ צום טויט, פון וועלכען ער האט זיך ארויסגעראטעוועט.

סעם איז געווארען ווילדער און ווילדער, און געשריען העכער און העכער. אלע האבען זיך ממש צונויפגעקארטשעט צוזאמען פון שרעק, און עס האט זיך בלויז געהערט סעמ'ס געשריי: — ארויס מכשפה! ארויס!

בעקי איז אין טויט-שרעק געלאפען צו דער טיר און הויך געשריען: העלפ! העלפ! און נאך איר איז נאכגעלאפען דער צעווילדעוועטער סעם.

די טיר האט זיך געעפענט און דאינע איז געבליבען שטעהן א דערשראקענע און א בלאסע.

(ווייטערס — מארגען)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— עס איז פיין. אלץ איז זעהר פיין — האט עלינאר פון צייט צו צייט ארויסגערערט אלץ די זעלבע פאר ווערטער, און זי איז נאכגעגאנגען ארומטום איר חבר'טע.

מארטא האט נאך גערעדט וועגען פארזייען א גערטענדעל אונטען אין „בעק-יארד". זיי האבען א גרויסען „לאאן" דארט, און סידני, איר מאן, איז שטארק פאראינטערעסירט צו פארזייען דארט גראזען און אלערליי בלומען.

עס איז געווארען פארנאכט, און מארטא האט אומעטום אנגעצונדען דאס עלעקטרישע ליכט. איצט האבעןביידע חבר'טעס זיך געלאזען גיין מיט עטליכע טרעפלעך ארויף וואו עס האבען זיך געפונען נאך דריי ציכערען. איין צימער איז געפלאנט פאר א „לייברערי", מיט פאליצעס ביכער און א דעסק און אלץ מיט אנאנדער. נאך איין צימער האט געדארפט זיין פאר דעם קומענדיגען קינד זייערען. און זייער אייגענער שלאפצימער. זיי זיינען איצט אהער אריין. דארט זיינען געשטאנען צוויי בעטען, „טווין-בעדס", איבערגעצויגען מיט א ווייסע, געהאפטענעם צודעק, א קליין נאכטטישעל, מיט א ווייסען, כארמארענעם לעמפעל, און א דרעסער, מיט א קיילעכדיגען שפיגעל. און אויפ'ן דרעסער, מכשירים פאר מארטא'ס טואלעט, בערשטעלעך, שאכטעלעך פודער און פארפיומען-פלעשעלאך, סלאאיקלעך מיט זאלבען. אלץ איז געווען צעלייגט אין גוטער ארדענונג. פון אלץ האט געוועהט מיט פרישקייט און גרטען געמיט. מארטא האט זיך אפגערופען:

— איך ווייס, עס איז אלד-פעשאנד צו האבען „טווין-בעדס". יונגע קאפלס נוצען היינט נאר איין דאבעל-בעט. נאר מיין מאמע זאגט עס איז בעסער צוויי באזונדערע בעטען. צו זאגען דעם אמת, מיין איך אויך אזוי...

רעדענדיג אזוי, האט מארטא דורכ'ן שפיגעל אין דרעסער מיט אמאל דערזעהן עלינאר'ס פנים, א בלייכען, טרויעריגען פנים, מיט א פארגליווערטען שמייכעל. זי האט זיך אזש איבערגעשראקען און זי האט אנגעכאפט עלינאר'ן ביי ביידע הענט:

— עלינאר, וואס איז מיט דיר, דו פיהלסט עפעס ניט גוט?

עלינאר איז אהן ווערטער אריינגעפאלען צו מארטא'ן אין די ארעמס און זי האט זיך קאנוואלסיוו צעוויינט. מארטא האט אין דער ערשטער מינוט ניט געוואוסט וואס צו טאן:

— א גאט, דו ביזט קראנק. קום זעץ זיך דא מיט מיר — האט זי איר פאר דער האנט צוגעפירט צום בעט.

עלינאר האט ניט געקענט איינהאלטען איר געוויין. איצט זיינען זיי ביידע געזעסען, געשוויגען שטיל א וויילע. מארטא האט ביי איר חבר'טע געפרעגט:

— עפעס האט פאסירט ביי דיר אין דער היים, אדער מיט דיר אליין! דו מוזט מיר זאגען, עלינאר — האט מארטא איר ניט אפגעלאזען.

עלינאר האט נאך געפרואווט פארלייקענען:

— ניין, גארניט — האט זי אנגעקוקט איר חבר'טע דורך פארטרערטע אויגען.

— אז גארניט, וואלסטו אזוי ניט געוויינט. עפעס האט פאסירט. דו ווילסט מיר ניט זאגען.

— מיט לארי'ן. מיר האבען געהאט א קריג. אלץ איז שוין אויס צווישען אונז — האט עלינאר ענדליך זיך מודה געווען.

פאר מארטא'ן איז איר איצט גרינג געווען צו ריידען. ווען דערפיהלט מען א פריינט? ווען מען איז אין א צרה. מארטא איז איצט ווידער געווען די גוטע חבר'טע, איר פריינט פון אלע יארען. זי האט אנגעקוקט עלינאר'ן מיט ליבשאפט און פארשטענדעניש בשעת זי האט איר אלץ דערציילט, וואס האט געבראכט צו דעם, אז זי זאל האבען א קריג מיט לארי'ן, און וועגען איר פארדראכט אויף דער מיידעל ליליען, דעמאלט, אויפ'ן אווענט ביי לארי'ן אין דער היים.

— ווי לאנג, אז דאס האט צווישען אייך פאסירט? — האט מארטא געוואלט וויסען.

— שוין מער ווי א וואך. צוויי וואכען...

— און ער רופט ניט אפ, לארי? און ער קומט דיר ניט זעהן?

— ניין. ער רופט ניט אפ, און ער קומט ניט מיך זעהן...

מארטא האט א לאנגע צייט געשוויגען שטיל און עלינאר האט ביי איר געפרעגט:

— דו דענקסט אז איך בין שולדיג, מארטא? כ'האב אפשר זיך ניט געדארפט אזוי אויפרעגען, יענעם לעצטען אוועגט, נאר ווארטען און זעהן וואס ער האט צו זאגען...

מארטא האט ניט גערעדט וועגען צוריק גוט-מאכען דעם ריס. זי איז געווען אויסער זיך פון אויפרעגונג אויף לארי'ן פאר זיין שווייגען. אזוי טוט מען ניט...

— אז דו פרעגסט מיך, איז ער אן איינפאכער קאריעריסט, דיין לארי.

— וואס מיינסטו מיט דעם צו זאגען? — האט איר עלינאר אנגעקוקט דורך פארטרערטע אויגען.

— ער האט זיך מסתמא אויסגערעכענט, אז אן אנדער מיידעל וועט זיין פאר אים מער צוגעפאסט.

— ווי אזוי קענסטו דאס מיינען? — האט עלינאר זיך געוואונדערט.

— דו האסט דאך אליין דערציילט, די ליליען, זי שטאמט פון רייכע עלטערן. ס'איז „קאמאן סענס". לארי איז פון די מענשען וואס זייער קאריערע איז ביי זיי אויפ'ן ערשטען פלאץ.

עלינאר האט נאר ביטער א שמייכעל געטאן. עס האט זיך איר ניט געגלויבט, אז אזוי זאל דאס טאקע זיין מיט לארי'ן. ביידע חבר'טעס האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע ערטער. ביידע זיינען געווען איצט זעהר ערנסט געשטימט.

— גלויב מיר, עלינאר, ער איז דיר ניט ווערט — האט מארטא איר געזאגט. און מער האבען זיי שוין היינט פון דעם ניט גערעדט. זיי זיינען אראפ צוריק אין דעם אונטערשטען טייל פון דער וואוינונג. מארטא האט געמאכט סאפער פאר זיי ביידען.

— איך וויל דו זאלסט היינט ביי מיר נעכטיגען — האט מארטא איר געזאגט. — מיר האבען א ספעציעלען ציכער, א „געסט-רום". רוף אפ דיין מאמען אז דו ביזט ביי מיר.

מארטא האט געטאן אלץ צו פארנעמען עלינאר'ן מיט זייטיגע שמועסען, אז זי זאל ניט טראכטען אירע אומעטיגע געדאנקען, און עלינאר האט זיך אזוי ווי איבערגעגעבען צו איר אין די הענט. שפעטער זיינען זיי אריין אין ליווינג-רום. עלינאר האט זיך צוגעלייגט אויפ'ן קושעטקע. זי האט זיך געפיהלט מיד און אויסגעשעפט פון דעם גאנצען פארנאכט היינטיגען. מארטא האט זיך אוועקגעזעצט לעבען איר און זי האט פאר איר געלייענט די נייעס פון דער צייטונג, וואס מען האט ערשט געבראכט צו דער טיר:

„אן אייפערזיכטיגער מאן האט דערשאסען זיין ווייב'ס געליבטען. ער האט פארוואונדעט זיין פרוי און ער האט זיך אליין אויך געוואלט דערשיסען. נאר מענשען זיינען אנגעקומען פונקט אין צייט און מען האט אים געכאפט און אפגעפירט אין פאליססטעישאן."

„א קליין קינד האט אראפגעשלונגען א „סעיפטי-פין", א שפילקע, און די דאקטוירים האט זיך איינגעגעבען צו ארויסציען די שפילקע פונ'ם קינד'ס אינגעווייד."

— קענסט זיך דאס פארשטעלען — האט זי זיך אפגערופען צו עלינאר'ן — וואס עס טוט זיך דא אפ?

עלינאר האט צעשטרייט איר געהערט לייענען און דערנאך האט זי זיך אפגערופען:

— זאג דערווייל קיינעם ניט, מארטא, וואס איך האב דיר דערציילט. ווייסטאך...

— איך פארשטיי אליין, דו דארפסט דאס מיר ניט זאגען — האט מארטא אויף דעם געענטפערט.

(ווייטערס — מארגען)

# נאך אלס קליין אינגעל אין דער סאוט האט דזשאזעף פראסקאוער דערפיהלט דעם טעם פון אידען־האס

(שלום פון פעידוש 2)

ברודער, דזשאזעף, וועלכער האט אויך געוואוינט אין מאביל. מ'האט אים גערופען „פראפעסאר לאינקויף", מחמת ער איז געווען א מוזיק לערער. אין יענע יארען פלעגט יעדער מוזיק לערער באצייכענט ווערען אלס „פראפעסאר". (געדענקט איר „פראפעסאר" פלאטאן ברונאף?) עטליכע צענדליג יאר צייט איז „פראפעסאר" לאינקויף געווען א מוזיק לערער אין א יעזואיטישען קאלעדזש אין מאביל. ניט איינמאל האט „פראפעסאר" לאינקויף מיטגענומען דעם אינגעלע דזשאזעף פראסקאוער, אינ'ם ספרינג היל קאלעדזש, וואו די גלחים און מאנאכען פלעגען אים קארמענען מיט קעיק און לעמאנעיד.

דזשוליוס פראסקאוער — פאטער פון אלפרעד פראסקאוער, און זיידע פון דזשאזעף פראסקאוער — איז געקומען פון ברעסלוי, דייטשלאנד, קיין פילאדעלפיא, יונאיטעד סטעיטס אין אמעריקע, אין אדער ארום דעם יאר 1850. אלפרעד פראסקאוער איז דעמאלט געווען א יונג קינד. קורצליך האט זיך דזשוליוס פראסקאוער אריבערגעקליבען קיין ריטשמאנד, ווירדזשיניא. דארט, אין ריטשמאנד, האט ער שוין אויסגעלעבט זיינע יארען. אט דער דזשוליוס פראסקאוער האט געהאט ניט מער און ניט ווייניגער ווי דריי ווייבער — איינע נאך די אנדערע, נאטירליך — און ניט מער און ניט ווייניגער ווי צען קינדער. זיין עלטסטע קינד, אדאלף, האט פארלאזען ריטשמאנד, ווירדזשיניא, און זיך באזעצט אין מאביל, אלאבאמא. ווען אלפרעד פראסקאוער — איינער פון דזשוליוס פראסקאוער'ס אינגסטע זיהן — איז אויפגעוואקסען, האט ער זיך אויך באזעצט אין מאביל. אט-דער אדאלף פראסקאוער, דער עלטסטער זוהן פון דזשוליוס פראסקאוער, איז עס שפעטער געווארען „אנקעל מעידזשאר", דער וועטעראן פונ'ם „וואר ביטווין דהי סטעיטס", דער בראווער אפיצער וואס איז פארוואונדעט געווארען אין דער היסטארישער געטיסבורג שלאכט. (פארגעסט ניט: „לינקאלנ'ס געטיסבורג עדרעס").

אלפרעד פראסקאוער—דזשאזעפ'ס פאטער — איז אין 1861 געווען צו יונג אריינצוטרעטען אין דער קאנפעדערעיט ארמי. קיין „סאלדאטסקע קאריערע", אלזא, האט ער ניט געהאט. פונדעסטוועגען האט ער דערלעבט צו טראגען א העכערען מיליטערישען טשין אפילו ווי „אנקעל מעידזשאר". דער גאווערנאר פון אלאבאמא סטעיט האט אדאלפ'ען געגעבען דעם מיליטערישען טשין פון „קוירנעל" — פאלקאווניק. ס'איז טאקע געווען ניט מער ווי אן עהרען-טשין, א „קוירטעסי טאיטעל", ווי מ'רופט עס אויף ענגליש. די סאוטה, אגב, איז פול מיט אזעלכע „קוירנעל'ס". מ'האט פאר זיי א חוזקנאמען: „קענטאקי קוירנעלס", מחמת די גאווערנארס פון קענטאקי, שוין זייט דורות, שאפען אזעלכע מינים כלומרשט'דיגע פאלקאווניקעס אין די צענדליגער, פילייכט אין די הונדערטער. אבער א מיליטערישער טשין — איז א מיליטערישער טשין. „קוירנעל" אלפרעד פראסקאוער האט זיך, נאטירליך, איבערגענומען מיט זיין ערעןטשין, כאטש ער האט קיינמאל אין זיין לעבען קיין פולווער ניט געשמעקט.

די פראסקאוערס זיינען מיט דער צייט — דאס הייסט, שוין נאכ'ן בירגער קריג — רייך געווארען. (נאך שפעטער זיינען זיי פארארימט געווארען — אבער דאס איז א באזונדערע מעשה.) די פראסקאוערס האבען געהאט דינער און דינסטען. „ענט מאירא" — דזשאזעפ'ס ניאנקע — איז געווען א נעגערקע, א געוועזענע שקלאפין ביים זיידען, ווילאם לאינקויף. זי, די געוועזענע שקלאפין, איז געווען דזשאזעפ'ס „צווייטע מוטער", ווי ער גופא רופט זי אן. זי האט געוואוסט אלע אידישע דינים, און אכטונג געגעבען, אז דער קליינער דזשאזעף זאל, חלילה, ניט פארשוועכען דעם שבת. „א אידיש קינד דארף אפהיטען שבת", פלעגט די נעגערקע, „ענט מאירא", די אמאליגע שקלאפין, איינ'טענה'ן מיט'ן אידישען אינגעלע. די פראסקאוערס האבען געוואוינט אויף סעינט פרענסיס סטריט — אין דעם פארמעגליכען געגענט פון שטאט — וואו אויף איין זייט האט זיך געפונען א מעטאדיסטישע טשוירטש און אויף געגענאיבער דער קאטוילישער קאטעדראל. איבער'ן טויער פונ'ם קאטוילישען קאטעדראל זיינען געווען אויסגעקריצט צוויי לאטיינישע ווערטער: „יאנוא צעלי". מיט יארען שפעטער, ווען דזשאזעף פראסקאוער האט גענומען לערנען די לאטיינישע שפראך אין האי סקול, האט ער אויסגעפונען די באדייטונג פון די צוויי ווערטער: „יאנוא צעלי." דער טייטש איז: די טויערען פון הימעל.

און ווי האט געהייסען די אידישע קאנגרעגעישאן פון מאביל? „שערי שמים". וואס איז דער טייטש דערפון? דער טייטש איז: די טויערען פון הימעל.

נעקסטער ארטיקעל — מיטוואך.

# פון בראדוועי ביז האליוואוד

(שלום פון בינטעל בריף פעידוש)

אויף דער פראגע. דער דזשאסטיס דעפארטמענט און קאנגרעס קענען אבער איצט גאר ניט טאן, נאכדעם ווי דער יונאיטעד סטעיטס סופרים קאורט האט צוריקגעוויזען זייער אפיל.

* * *

דער זשורנאל „סאטורדעי איווינינג פאוסט" האט געהאט אן ארטיקעל וועגען מארגארעט טרומאן, די טאכטער פון אונזער פרעזידענט, וואס איז געווארען א קאנצערט זינגערין. מארגארעט האט זיך באקלאגט, אז כאטש זי וועט דעם יאר פארדינען איבער 75 טויזענט דאלאר, וועט איר זעהר ווייניג בלייבען. איבער א העלפט פון דער סומע וועט אוועקגעהן אויף עקספענסעס. „און דאן" — האט זי געזאגט מיט א זיפץ, — „איז פאראן אזא זאך ווי דער אינטוירנעל רעוועניו דעפארטמענט; אבער איך קען זיך ניט ערלויבען אפילו צו קריטיקירען טעקסעס".

* * *

צווישען די אכציג-יאריגע: קאני מעק, 87 יאר אלט, וועלכער טרעט איצט ארויין אין זיין פופציגסטען יאר אלס מענעדזשער פון די „פילאדעלפיא אטלעטיקס" (בעיסבאל) האט אויסגערופען מיט כעס: „לעכערליך", ווען מען האט אים געפרעגט צי עס איז אמת, אז ער געהט אויפגעבען זיין דזשאב.

בוירנאר מעקפארען, 81 יאר אלט, וואס האט זיך געשאפען א היבשען קאפיטאל און א נאמען אלס א פראפאגאנדיסט פון לעבען אויף דער פרייער לופט, עסען נאטור-שפייזען און מאכען עקסערסאיזעס, איז לעצטע וואך ערשינען אויף א ראדיא און טעלעוויזשאן פראגראם און וואס רופט זיך: „דער לעבען פאנגט זיך אן ווען מען איז אכציג", האט דארט געטאנצט א קאזאצקע און איז געשטאנען אויפ'ן קאפ. ביידע זאכען זיינען גוט פאר'ן געזונט, האט ער געזאגט.

דזשעימס דזשעפערים, 78 יאר אלט, דער באריכטער פראיז פאיטער, וועלכער האט אין 1910 אויסגעצויגען דזשעק דזשאנסאן, דעם נעגער טשעמפיאן, האט ערקלערט, אז ער וועט בעסער געהן זעהן רעסטלינג-מעטשעס ווי פאיטס, ווייל זיי זיינען צו קינדעריש. „פילע פון די איצטיגע פאיטערס וואלטען געווען גוטע פינג-פאנג שפילער", האט ער געזאגט מיט פאראכטונג.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאָר איז איצט געווען אַן אָפטער גאַסט ביי מאַרטאַ'ן אין הויז. אין אַ שבת, צי אין אַ זונטאָג, אַז זי האָט איז מאַרטאַ באַשטאַנען, אַז עלינאָר ניט באַדאַרפט געהן אין סקול לערנען, זאָל פאַרברענגען מיט איר דעם טאָג, און אַמאָל האָט זי אויך ביי איר אי־בערגענעכטיגט. עלינאָר פלעגט ברענ־גען מיט זיך איר אומעט, אירע טרויע־ריגע שטימונגען. גאַנץ אָפט פלעגט זי קומען מיט אַ קאָפּ־ווייטאָג. זי איז געווען האַלב־קראַנק. נאָר מאַרטאַ, מיט דער וואַרימקייט פון איר שטימע, און מיט איר גוטען, אָפענעם שמייכעל, האָט געווירקט אויף איר באַרוהיגענ־דיג. זי האָט איר אַזוי ווי געהיילט.

ביינאַכט, איידער מען איז געגאַנגען שלאָפען, איז מאַרטאַ אַריינגעקומען צו עלינאָר'ן אין צימער, געזעצט זיך אויפ'ן ראַנד פון בעט. זי האָט איר געבראַכט אַ וואַרימע גלאָז מילך, און אַז עלינאָר האָט ניט געוואָלט טרינקען, האָט זי זיך אויף איר אָנגעבייזערט.

— איך פרעג ניט ביי דיר אויב דו ווילסט צי ניט. טרינק!

— דו ביזט צו גוט צו מיר, מאַר־טאַ — האָט עלינאָר איר געזאָגט. זי האָט זיך געפיהלט עפּעס שטאַרק שול־דיג אַנטקעגען איר חבר'טע. — איך בין דאָס גאָר ניט ווערט.

— רייד ניט קיין סך און טרינק די מילך — איז מאַרטאַ כלומר'שט אויף איר געווען אין כעס.

זיי פלעגען אַזוי אַוועקשמועסען ביז נאָך האַלבער נאַכט. זיי האָבען, ווי אַלע מאָל, געהאַט אַ סך וואָס צו דער־ציילען איינע דער אַנדערער און ס'האָט זיך ביי זיי ניט אויסגענומען קיין רייד.

— זאָג מיר, מאַרטאַ, צוליב וואָס דאַרפען אַזעלכע ווי איך לעבען? — האָט זיך עלינאָר פאַר איר באַקלאָגט. אין עלינאָר'ן האָט פון אַלע יאָרען געלעבט אַ געפיהל, אַז איר איז ערגער פון אַלעמען, און זי ווערט באַ'עוול'ט פון מענשען. ווען זי איז געווען מיט לאַרי'ן, איז איר געווען אַזוי גוט, אַז זי האָט אַן דעם פאַרגעסען. איצט האָט אַט דער געפיהל צוריק אויפגע־לעבט אין איר, אַז איר איינער איז אַזוי שלעכט, און זי ווערט כסדר באַ־עוולה'ט.

— איך וויל פון דיר ניט הערען אַזעלכע רייד! — האָט מאַרטאַ איר אָפּגעענטפערט מיט אַ שטרענגען טאָן — ס'איז ניט אינטערעסאַנט. דער־צעהל מיר פון עפּעס אַנדערש.

אין מאַרטאַ'ס הויז האָט געהערשט אַ שטילע רוהיגקייט, אַ מין פרידליכ־קייט האָט זיך דאָ געפיהלט אין דער לופט. מאַרטאַ און איר מאַן האָבען ביידע ליב געהאַט גוטע אָרדענונג, און עס איז ביי זיי איינגעפירט געוואָרען דער קושען גודבאַי יעדען פרימאָרגען איידער ער איז אַוועק צו זיך אין אָפיס, און דערנאָך ווען ער איז געקו־מען צוריק אַהיים. עלינאָר'ן האָט זיך געדאַכט ווי אַלץ געהט ביי זיי לויט איינגעשטעלטע כללים. זיי פירען זיך ווי אַלע. איז עלינאָר איר חבר'טע מקנא געווען? געוויס ניט. זי אַליין וואָלט, דוכט זיך, ניט געקענט אַזוי זיך פירען. קיין צו־גלאָטן לעבען האָט זי קיינמאָל ניט געוואָלט. זי האָט דאָך אין האַרצען אָפּגעלאַכט פון דעם איינגעזעסענעם, פאַרהייראַטען לעבען, וואו אַלע טאָג איז דאָס זעלבע, וואָס קיין זאַך רייצט שוין ניט מער.

זי האָט זיך דערמאָנט ווי לאַרי האָט ליב געהאַט צו פלאַנעווען מיט איר פון זייער צוקונפטיגען, פאַרהייראַטען לעבען. זי האָט דעמאָלט ניט געוואָלט דאָס נעמען ערנסט. און עס האָט זיך איר אַפילו געגלוסט צו אָפּשטופּען די צייט פון החתונה ווי ווייט עס וועט נאָר זיין מעגליך.

דער מאַן, מאַרטאַ'ס, סידני גרינ־פעלד, איז געווען אַ הויכער און אַ דינער און זעהר אַ רירעוודיגער. ער האָט געהאַט אַ שמאָלען לאַנגען פּנים, איבערגעשניטען מיט רינע, שוואַרצע וואָנצעלעך, און די האָר פאַרקעמט גלאַט און גלאַנציג. ער איז געווען אויסערסט פריינטליך מיט עלינאָר'ן און כסדר געזעהן איר צופרידענצו־שטעלען. ער האָט איר אונטערגערוקט אַ שטול זיך צום זעצען און מיט אַ ברייטען זשעסט אַז עפּען געטאָן זיין שאַכטעלע פּאַפּיראָסען פאַר איר צום פאַררויכערען. זיין גאַנצע מאַניערע איז געווען אַזאַ ווי ער וואָלט נאָר ווע־לען אַז אַלעמען זאָל זיין גוט. מאַר־טאַ'ן, זיין פרוי, האָט ער כסדר פאַר־קוקט אין די אויגען.

— ווי פיהלסטו היינט, האָני? — האָט ער ביי איר געפרעגט, האַבענדיג אין זינען, אַז זי איז איצט אין די „הויכע מאָנאַטען". און עלינאָר האָט געזעהן די ליבשאַפט און די צוגעבונ־דענקייט פון דעם יונגען פּאָר פּאָלק איינע צו אַנדערע. די האַרמאָניע וואָס עס הערשט צווישען זיי און ווי זיי קוקען זיך נאָר אין די אויגען — אַן אמת'ע אידיליע.

עלינאָר'ס צווייפלענדע נאַטור האָט דעמאָלט געכאַפּט, אַז זי זאָל אַ טראַכט טאָן: וועט דאָס אַלע מאָל מיט זיי אַזוי זיין? וועט קיינמאָל ניט קומען קיין ריס צווישען זיי? זי האָט אַזש אויפגעציטערט. זי וואָלט קיינעם ניט געוואונשען קיין שלעכטס. נאָר אירע יונגע אויגען האָבען שוין געזעהן אַ סך זאַכען. דאָס צעריסענע לעבען פון איר אייגענער היים... און דאָס וואָס זי אַליין האָט אַקאָרשט דורכגעלעבט... און אַז זי האָט געזעהן לעבענס, וואָס האַלטען זיך נאָך ערשט אין בויען, האָט זי ניט ווילענדיג שוין אַ טראַכט געטאָן וועגען זייער מעגליכען צעפאַ־לען ווערען, וועגען זייער שלעכטען סוף...

זונטאָג בייטאָג, ביי מאַרטאַ'ן אין שטוב. עס האָט זיך דאָ געפיהלט די יום־טוב'דיגע רוהיגקייט און געלאַסענ־קייט. סידני גרינפעלד, אַזוי ווי זיין ווייב מאַרטאַ, האָט ליב געהאַט זיך פונדערוויילען אין זייער נייער באַלעבאַ־טישקייט. ער האָט איבערגעקוקט אַלץ אין די צימערען, וואו עס פעלט אַ שנור פון עלעקטרישע ליכט, וואו מען דאַרף פאַרפעסטיגען אַ טיר און וואו אַריינקלאַפּען אַ טשוועקעל עפּעס אויפ־צוהענגען. ער האָט געזוכט אַ האַמער און אַ צוואַנגעל און ער האָט גערופען צו זיין ווייב:

— וואו זיינען מיינע טולס, מאַר־טאַ?

און מאַרטאַ האָט אין קיך פון אַן אונטערשטען שאַפעלע אַרויסגענומען אַ קעסטעל מיט געצייג און עס אים צוגעטראָגען מיט איר גוטען, רוהיגען שמייכעל:

— אַט זיינען דיינע טולס, סידני.

מאַרטאַ האָט שוין געהאַט צוגע־גרייט אַ געשמאַקען מאַלצייט, אַ „ראָוסט" (געבראָטענע פלייש) אַ פרי־שען, גרינעם סאַלאַט, אַ „פרוכט־קאָק־טעיל". דער טיש איז געווען געגרייט מיט אַ סך געשמאַק, גוט צוגעטראַכט. אַז עס זאָל אויסזען שעהן פאַר'ן אויג. מאַרטאַ האָט זיך געשניטען אויף אַ גוטע באַלעבאָסטע, אַן אידעאַלע הויז־פרוי.

ביים טיש האָט סידני גרינפעלד זיך געמיהט אַריינצוציען עלינאָר'ן אין אַ שמועס. ער האָט געמוסט איר פאַ־נאַנדערפרעגען וועגען איר אַרבייט אין סקול, ענטפערענדיג אים האָט עלי־נאָר ביי זיך אַ קלער געטאָן: קען דאָס זיין אַז סידני ווייסט נאָך גאָרניט? מאַרטאַ האָט אים געוויס פאַרזאָגט ער זאָל ניט דערמאָנען פאַר איר לאַרי'ס נאָמען. סידני גרינפעלד האָט געקענט לאַרי'ן. ער איז דאָך געווען ביי אים, סידני'ן, צו דער חתונה.

ווי אין אַ בליץ האָט זיך אַ טראָג געטאָן פאַר עלינאָר'ס געדאַנק יענער ניט־פאַרגעסליכער אָוונט פון מאַר־טאַ'ס חתונה. איר ערשטע באַקאַנט־שאַפט מיט לאַרי'ן... און דערנאָך די וואונדערליכע מינוט ווען ער איז צו איר אַרויס אויפ'ן באַלקאָן... נאָר זיי ביידע אַליין... ווי גוט איר איז דאָס דעמאָלט געווען...

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַ קימפּעט פון אַ פופצען־יאָריגער ווייבעל אין אַ מאַינער־שטעטעל

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

אינסטרומענטען, האָבען צוויי פון די מענער זיך אויפגעהויבען פון פּלאַץ, זיך דערנעהענטערט צו מיר און גאַנץ שאַרף און בייז אַריינגעזאָגט:

„הער־זשע אויס, דאָקטאָר, שוין עטליכע מאָל, אַז דו טענה'סט מיט אונז צו פאַרלאָזען דאָס צימער. טאָ ווילען מיר, אַז דו זאָלסט מער וועגען דעם ניט ריידען. דאָס איז ניט דיינע ביזנעס; מיר זיינען געקומען אַהער און מיר האָבען בדעה דאָ צו פאַרבליי־בען ביז אַלעס וועט זיין פאַראיבער. דו קריגסט באַצאָלט פאַר'ן דזשאָב, טאָ טו דיין אַרבייט און ווייטער זאָל דיך גאָרניט קימערען. מיר גיבען דיר ניט קיין אָרדערס און מיר ווילען אויך פון דיר קיין אָרדערס ניט נעמען", האָבען זיי פאַרענדיגט מיט רוגזה און אין זייערע אויגען האָט זיך באַוויזען אַ פייערעל פון צאָרען.

דעם אמת געזאָגט, האָט זייער טאָן און זייער אַרט קוקען אויף מיר גע־מאַכט מיך פיהלען זעהר אונהיימליך, דאָ אין וואַלד צווישען האַלב־ווילדע ברואים.

מער האָב איך ניט גערעדט, ביז דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען אין אַ פּאָר שעה אַרום פאַר די אויגען פון זעקס־זיבען מענער, וועלכע האָבען זיך מיט זייערע בליקען אַריינ־געגראָבען אין יעטוועדען שריט פון דער קימפּעט־פּראָצעדורע — אַ קינד־געבורט אין דער ווילדערניש פון די קענטאַקי'ער קוילען־פעלדער.

ווען איך בין מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער געקומען זעהן וואָס מיין יונגע קימפּעטאָרין מאַכט, האָט מיך אַ דאָרטיגער תושב, אַ שטיקעל באַ־לעבאָס, פאַררופען צו זיך אין הויז. ער וויל מיט מיר עפּעס ריידען, זאָגט ער, וועגען מיין קימפּעטאָרין און דאָס „פּובליקום", וואָס האָט אַזוי שטאַרק געגאַרט בייצוואוינען דעם קימפּעט. לויט ווי ער פאַרשטייט, בין איך ניט איינגאַנצען באַקאַנט מיט אַלע איינ־צעלהייטען פון דער „קעיס".

„איר דאַרפט זיך גאָרניט וואונ־דערען אויף אונזערע מענשען", האָט מיין נייער באַקאַנטער ווי זיך גענומען פאַרענטפערען. „אין דעם פינסטערען, גרויען לעבען, וואו מיר געפינען זיך, איז אַזאַ זאַך ווי אַ „קימפּעט", כאָטש דאָס פּאַסירט גאַנץ אָפט, ניט מער פונדערסטוועגען ווי אַ צייט־פאַרטרייב, למשל, ווי אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג. וואָס דען, אַנדערע אַמוזירונגען זיינען דאָ פאַראַן?...

„אין דעם איצטיגען פאַל מיט דער יונגער קימפּעטאָרין און איר אַלטען מאַן, איז די מעשה נאָך מער אינטע־רעסאַנט, ווייל איר דאַרפט וויסען, אַז דער אַלטיטשקער, דער מאַן פון דער יונגער קימפּעטאָרין, איז בלויז איר מאַן, אָבער ניט דער טאַטע פון קינד.

„ווער דער טאַטע פון קינד איז, ווייסט מען ניט. ווי איר האָט שוין מסתמא געזעהן, איז זי, דאָס ווייבעלע, ניט פון די גאָר גרויסע חכמות, און שוין זינט זי איז אַלט געוואָרען 13 יאָר, שלעפּט זי זיך אַרום מיט באָיס. נו, האָט זי זיך אַזוי לאַנג אַרומגעשלעפּט מיט זיי, ביז זי איז מעוברת געוואָרען.

„אין הויז איז ביי זיי פאַראַן נאָך אַ טוץ קינדער. טאָ ווער קוקט זיך אום אויף זיי? ערשט שפּעטער מיט אַרום פיר־פינף חדשים, ווען עס האָ־בען זיך גענומען ווייזען די אמת'ע סימנים פון שוואַנגערשאַפט, האָבען זיך די עלטערן געכאַפּט, אַז דאָס מיידעל איז שוין גאָר ווייט פאַרקראַ־כען. מ'האָט שוין אָבער גאָרניט גע־קענט טאָן. מ'האָט גענומען זוכען אַן פאַרשען ווער, וואָס ווען — נאָר ביים זוכען איז דאָס פאַרבליבען. ווער דער טאַטע פון קינד איז ווייסט מען ער היום ניט.

„און דאָ האָט זיך אונטערגערוקט דער אַלטער שוטה: ער וועט מיט איר חתונה האָבען ווי זי שטעהט און געהט, ער וועט איר „סופּאָרטען" און וועט זיין אַ טאַטע צום קינד.

„די עלטערן האָבען זיך אַביסעל מיישב געווען און האָבן איינגעשטימט צום „שידוך". דער מיידעל האָט מען, נאַטירליך, גאָרניט געפרעגט און מיט איר האָט מען זיך ווייניג צערעמאָ־ניעט. טאַטע־מאַמע האָבען באַשלאָ־סען און מען האָט דאָס פּאָרעל פאַרשלייערט — זי 16 און ער 68.

„נו, איצט אין אַזאַ צייט — אי אַ קימפּעט, אי אַ יונגע ווייבעלע און אַ מאַן אַ זקן, אי אַ קינד, וואָס קיינער ווייסט ניט ווער דער טאַטע זיינער איז — טאָ ווי אַזוי קען מען צוריק־האַלטען דעם עולם פון בייצוואוינען אַזאַ פריינען ספּעקטאַקל? ס'איז אַ וואונדער וואָס נאָך מער מענשען האָ־בען זיך ניט געריסען בייצוואוינען דעם ספּעקטאַקל?" — האָט מיין באַקאַנטער געענדיגט.

איך האָב אים אויסגעהערט און גאָרניט געהאַט וואָס צוצוגעבען.

# קרובים געזוכט

אייזענקייט, מרים, הייסט איצט פּולווערמאַ־כער, ניט לאַנג אין אַמעריקע, טאָכטער פון משה יצחק און שיינדעל אייזענקייט, זוכט איר טאַנטע יחזקאל און שרה פרידריכס אַ טאָכ־טער, פון מינסק־מאַזאָוויעצק, געוואוינט אין באַלטימאָר. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

M. Pulvermacher
1244 S. W. 5th Street
Miami, Fla.

הערשקאָפּף, ב., מאָנטרעאַל, קענעדע, זוכט זיין (אָדער איר) שוועסטער מ. סמיטה, אַמאָל געוואוינט אין 3031 האָלאַנד עוועניו, בראָנקס. זוכט אויך די קאַזינס חיים און נחום ווייזענ־בערג, אין ניין ייאָריק, דרוקער אָדערדאָ בערג, אין ניו יאָרק, דרוקער אָדער ילטאָגראַ־פיסטען פון כאַך. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

B. Hershkopf, 4407 Colonial
Montreal, Canada

פּיאַן, די טאָכטער פון מאָטעל פּיאַן, פון שאַוועל, ליטע, און פּיאַן, שלום־איסער און פרידעל, די זיהן פון כאַצע פּיאַן, שטאַמען פון באָוסק, קורלאַנד, ווערען געזוכט פון זייער פּלימעניק נח לעווין, דער זוהן פון חיים לעווי און זלאַטע (מיידעלשער נאָמען פּיאַן), איצט אין ניו יאָרק.

מילער, שרה, די טאָכטער פון פּערל מילער, ווי אויך פייגע פּרוכטער, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר פרידמאַן, די טאָכטער פון וואָלף און לאַה־עטעל פּרוכטער, ביידע שטאַמען פון סטרי, ווערען געזוכט פון מאַלי זילבערשלאַג, די טאָכטער פון לאָלאַ, פון סטרי, געפינט זיך איצט אין ניו יאָרק.

ריכטער, —, די קינדער פון סעמועל ריכטער און גרוני (מיידעלשער נאָמען שפּיגעל), פון יאַוואָראָוו, די קינדער'ס נעמען: פייגע און לייב, און אויך די קינדער פון עלקע און קלמן ריכטער: מענדעל, פאַני און ליובאַ; ווערען געזוכט פון זייער מומע מינאַ ריכטער, איצט אין ניו יאָרק.

ראַזען, לייב, און זיין פרוי ברכה (מיידעל־שער נאָמען פישבלאַט) געקומען פון וואַרשע אין 1930, ווערט געזוכט פון יצחק פישבלאַט, איצט אין ישראל.

ראָטשטיין, חיה־ציע, פריהער געוואוינט אין בערלין, לעבען בראָד, גאַליציע, מיט אירע צוויי זיהן און דער טאָכטער בערטאַ; ווערען געזוכט פון קריינצע מאַטשיס, די אַלמנה פון הערמאַן מאַטשיס, פון לעשנאָוו, איצט אין ניו יאָרק.

קאַלטונאָווסקי משפּחה, ווערט געזוכט פון ראָזע ביטקער, די טאָכטער פון אברהם רייזין, וועלכער האָט געוואוינט פריהער אין כינע, געפינט זיך איצט אין ניו יאָרק.

קופער, עליק, אַ פאָטאָגראַפער, שטאַמט פון דניעפּראָפּעטראָווסק, דער זוהן פון לייב און איטע, און זיין פרוי מאַניאַ, ווערען געזוכט פון זייער פריינד ישראל כאַראַב, פון דניעפּראָפּעטראָווסק, איצט אין ניו יאָרק.

פּיעטרושקאַ, אברהם, און זיינע זיהן גדליה און פּנחס, שטאַמען פון רייוויץ, לעבען לובלין. ער איז דער זוהן פון עטאַ. ווערען געזוכט פון חנה רודניצקי, מיידעלשער נאָמען געל־בראַט, די טאָכטער פון משה געלבראַט און חוה (מיידעלשער נאָמען פּעטרושקאַ), איצט אין ניו יאָרק.

קאַהען, בען, שטאַמט פון רוסלאַנד, געווען אין ישראל מיט 20 יאָר צוריק; ווערט גע־זוכט פון זיין קאַזין דוד ווישניעפּאָלסקי, איצט אין ישראל.

קאַץ, בנימין, דער זוהן פון חיה און חיים־משה, אָדער דניאל, פון זילקאָוו; ווערט גע־זוכט פון אברהם פעלדמאַן, דער זוהן פון שאַשקע, פון זאַמאָשץ, איצט אין פּוילען.

שענפעלד, —, ווערעט געזוכט פון גאַלבערין ד., דער זוהן פון יהושע, פון נאָוואָגראָד־וואָלינסק, איצט אין פראַנקרייך.

שפּאַלטער, עטעל (מיידעלשער נאָמען), די טאָכטער פון יאַשקע און ציפּע, פון פּעליסאָוויז־קאַ, לעבען וויטקאָוו־נאָווי; ווערט געזוכט פון קריינטשע ערליך, די טאָכטער פון שלום־מאיר, פון וויטקאָוו־נאָווי, איצט אין ניו יאָרק.

מעהר אינפאָרמאַציע וועגען די אויבענדער־מאָנטע קען מען קריגען ביים אידישען אַרביי־טער קאָמיטעט:

JEWISH LABOR COMMITTEE
175 East Broadway, New York 2, N. Y.
Phone: OR 3-7950

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס" — פון ראָוז שושנה

(פאָרטזעצונג)

## נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַן אַלטער מאַמען

אין שטוב האָבען אַלע זיך געפיהלט ווי שולדיג פאַר דעם וואָס עס קומט איצט פאָר.

דאָינע האָט זיך געבעטען ביי חנה'ן, אַז זי זאָל ניט אַוועקגעהן, אַז זי זאָל מוחל זיין איהר מאַמען פאַר דעם געשעהענעם.

— מיין מאַמע איז זעהר דערשלאָגען, איהר מוזט איהר דאָס מוחל זיין.

אָבער חנה האָט געזאָגט, אַז נאָך אַמאָל אַזאַ סצענע וועט זי ניט קאָנען איבערלעבען. בעסער צו זיין זיך גוטע פריינט פון ווייטען.

— דאָס איז אַ באַשלאָסענע זאַך. איך מוז אַוועק פון דאַנען.

דאָינע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. דאָס בלוט איז איהר געקומען אין פּנים. חוה האָט זיך געטוליעט צו חנה'ן און ביידע האָבען געוויינט.

און די אַלטיטשקע האָט ווייטער גערעדט צווישען טרערען:

— איהר פאַרשטעהט, קינדער מיינע, פאַר אונז אַלעמען וועט זיין בעסער. צו וואָס זיך קריגען מיט דיין מאַמען? — טאַכטער מיינע — האָט זי געמורמעלט און געקושט איהר קאָפּ. אַ מאַמע איז אַ הייליגע זאַך. דו וועסט עס ניט דערפיהלען, ווען דו וועסט אם ירצה השם איבערקומען און אַליין ווערען אַ מאַמע... האַלט בכבוד דיין מאַמען און אַז גאָט וועט געבען און דו וועסט בשלום איבערקומען, וואָס גאָט וועט צושיקען, צי אַ אינגעל, צי אַ מיידעל, וועל איך קומען דיך באַזוכען און זיך פרייען מיט מיין איינינקעל.

זי האָט זיך מעהר ניט געקאָנט באַהערשען און איז מיט אַ גרויסען יאָמער אַרויס פון צימער כליפּענדיג: קום חוה'לע, מיר וועלען געהן.

שמואל איז געשטאַנען הילפלאָז.

דאָינע האָט געוויינט. ער האָט ניט געוואוסט וועמען איינצונעמען, צי דאָס „ווייב", צי די מאַמע.

דאָינע האָט דערפיהלט ווי אַלץ דרעהט זיך אין איר. זי האָט געוואוסט, אַז עס איז נאָך צו פרי פאַר דער געבורט, אָבער ווערען האָבען זי פאַרט געכאַפּט און זי איז געלאָפען אין איר ציכער אַריין.

הוה און עטעלע האָבען אָנגענומען חנה'ן פאַר די אָרעמס און זי געפיהרט צו דער טיר.

חנה האָט זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כוחות כדי נישט צוזאַמענצוברעכען. זי האָט זיך געפיהלט אַזוי ווי מען וואָלט זי געפיהרט אין אַ הקדש.

דאָס וואָרט „מושב זקנים" איז אין פוילען געווען אַ זעהר נעבעכדיג וואָרט. כאָטש זי האָט געוואוסט, אַז אין אַמעריקע איז עס אַנדערש, האָט זי דאָך געפיהלט זיך איבריג, אַן איבעריגער מענש אויף דער וועלט.

ווען זיי זיינען שוין געווען פון יענער זייט טיר און סעם האָט געוואָלט זיי נאָכלויפען, האָט ער פּלוצלינג דערהערט דאָינע'ס געשריי:

— אַ דאָקטאָר! גיכער ברענגט אַ דאָקטאָר!

ער האָט נישט געוואוסט וואו צו לויפען, צי נאָכלויפען זיין מאַמען, צי אַריינלויפען צו דאָינע'ן. אָבער באַלד האָט ער ווידער דערהערט דאָס פאַרצווייפעלטע געשריי פון דאָינע'ן:

— אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר!

סעם איז אַריינגעלאָפען צו דאָינע'ן און דערזעהן ווי זי קאָרטשעט זיך פון ווייטאָג.

ער איז געלאָפען איבער די צימערען און גערופען:

— שוועסטער! שוויגער! וואו זענט איר? גיכער! גיכער!

זיין שרייען איז געווען אומזיסט. קיינער איז אין שטוב נישט געווען.

בעקי איז נאָך דער געשעהעניש אַרויסגעלאָפען פון שטוב. דזשייקאָב איז נאָך פריער אַנטלאָפען ווי פון אַ שרפה.

סעם האָט זיך געפונען איינער אַליין לעבען דאָינע'ן, וועלכע האָט געשריען:

— רוף אַן אַמבולאַנס! אַ דאָקטאָר, גיכער!

— וואו זיינען אַלע! וואו זענט איר? מר. לעסקי! מרס. לעסקי! שוויגער! שוועסטער! וואו זענט איר? — האָט סעם גערופען.

ער איז געלאָפען און געשריען:

— אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר!

ער איז אַרויסגעלאָפען אויפ'ן גאַס און אַלץ געשריען:

— אַ דאָקטאָר!

מענשען האָבען געמיינט, אַז עס לויפט אַ משוגענער. אַנדערע, דרייסטערע, האָבען אים פאַרטשעפּעט:

— העי מיסטער, וואָס שרייט איר?

— אַ דאָקטאָר! אַ דאָקטאָר! — האָט ער געענטפערט אַ דערשראָקענער. פאַר זיין פּנים איז געשטאַנען איר געשטאַלט, וואָס קאָרטשעט זיך אין ווייטאָג, אירע פאַרביסענע ליפּען. קיינער איז אין שטוב נישטאָ. פּונקט איצט איז ער אַליין מיט איר.

איינע, אַ פרוי, האָט אים אָפּגעשטעלט:

— ווען איר, מיסטער, דאַרפט אַ דאָקטאָר, לויפט אַריין אין „דראַגסטאָר" און טעלעפאָנירט. אַזאַ גרינהאָרן!

ער האָט טאַקע באַלד דערזעהן, אַז ער איז נישט בלויז ווירקליך גרין, נאָר אויך נאַריש. אין דער היים האָט מען אויך געוואוסט פון אַזאַ זאַך ווי אַרויסרופען אַ דאָקטאָר דורכ'ן טעלעפאָן. אָבער איצט האָט ער פון צעמישונג איינפאַך פאַרגעסען וואָס עס טוט זיך מיט אים.

צוקוקענדיג צו אירע ליידען האָט ער איינפאַך פאַרלוירען דעם פאַרשטאַנד. ער איז געלאָפען איבער'ן גאַס ווי אַ משוגענער.

ווען ער האָט שוין אַרויסגערופען דעם נאָענטסטען דאָקטאָר, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט באַלד צו קומען, איז ער גיך צוריק אַריינגעלאָפען צו דאָינע'ן.

ער האָט געזעהן דאָינע'ן אַזאַ ליידענדע פון ווייטאָג, מיט פאַרביסענע ליפּען. אָבער ער האָט איר געוואָלט העלפען און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

ער האָט נישט געוואוסט, אַז דאָינע געהט צו קינד. דאָינע אַליין האָט דאָס אויך נישט געוואוסט. ווען עס האָט איר צוזאַמענגעצויגען אין שרעקליכע קרעמפּען, האָט זי נאָר געטראַכט דערפון, אַז עס איז דאָך נאָך צו פרי. אָבער די שטייגענדע ווייטאָגען האָבען זי ניט געלאָזט טראַכטען. אַ קאַלטער שוויים האָט באַדעקט איר פּנים און אירע אויסגעגלאָצטע אויגען האָבען געקוקט צו סעמ'ען און געזוכט הילף.

סעם איז געשטאַנען און געוויינט און מיט אומגעדולד געקוקט צו דער טיר.

— זאָל שוין קומען דער דאָקטאָר — האָט ער ביי גאָט געבעטען.

און דאָינע'ס אויגען האָבען געקוקט אויף אים און אירע בלאַסע ליפּען האָבען געשעפּטשעט:

— העלף מיר! העלף!

ווען דער דאָקטאָר איז ענדליך געקומען, האָבען ביידען די אויגען אויפגעלויכטען, סיי ביי דאָינע'ן און סיי ביי סעמ'ען. אַזוי ווי ער וואָלט געבראַכט איר די הילף. אַ פּאָר מינוט נאָך דעם ווי סעם איז אַרויס פון צימער, האָט דער דאָקטאָר אים גערופען.

— העי, איר, מיסטער, וואָס פאַר אַ מאַנספערשוין זענט איר? — האָט דער דאָקטאָר זיך געבייזערט — אַנשטאָט מיך צו רופען, האָט איר בעסער געדאַרפט אייער פרוי אַוועקפירען אין האָספּיטאַל. נו, גיכער, נעמט אַ טעקסי און פאָרט. זי וועט באַלד געבוירען אַ בעיבי. אויך מיר אַ מאַן! קינדער דאַרף דאָס האָבען! נו, רירט זיך, מאַנספערשוין! — האָט ער צוגעוואָרפען, קוקענדיג מיט גרינגשעצונג אויף דעם הילפלאָזען סעמ'ען.

— וואָס האָט איר געזאָגט, דאָקטאָר? — האָט דאָינע גערעדט, ביי־סענדיג אין יסורים אירע ליפּען — שוין געבוירען? דאָקטאָר, עס איז דאָך נאָך צו פרי!

סעם איז געוואָרען בלאַס.

— וואָס שוין געבוירען? ! — האָט ער מעכאַניש איבערגע'חזר'ט דאָינע'ס רייד — שוין געבוירען?

— וואָס, איר ווייסט נישט דעם חשבון, ווען אייער פרוי דאַרף ווערען מוטער? אַ שעהנער מאַן!! נו, גיכער, נעמט אַ טעקסי און פאָרט מיט איר אין האָספּיטאַל. איילט זיך, יונגערמאַן.

דער אָרימער סעם האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט אַראָפּגעהאָנגען זיינע לאַנגע הענט און אויסגעגלאָצט אַ פּאָר דערשראָקענע אויגען.

— פּונקט איצט איז די מכשפה נישטאָ — האָט ער געמורמעלט ווי צו זיך אַליין — שטענדיג ווען מען דאַרף זי נישט איז זי דאָ, און גראָד איצט איז זי נישטאָ... גראָד איצט...

ער האָט איר געהאָלפען אָנטאָן דעם מאַנטעל. ער האָט מורא געהאַט זיך צוצורירען צו איר. אַלץ איז אים געפאַלען פון די הענט. ער האָט מורא געהאַט, אַז אָט אָט וועט זי האָבען דאָס קינד. ער איז געוואָרען רויט ווי אַ בוריק, ווען זיינע הענט האָבען אַרומגעוויקעלט דעם שאַליק אַרום איר האַלז.

(ווייטערס — מאָרגען)

# קרובים געזוכט

זשילטאָווסקי, דוד, זוהן פון יעקב און ריווא זוואָוסקי, געבאָרען אין טאָמאַשאָוו, מאַזאָוויעצק, אַ שניידער, געקומען קיין אַמעריקע אין 1935; געזוכט פון זיין קאָזין אַברהם מאָרגענשטיין, איצט אין ישראל. אינפאָרמאַציע ביי:

Aron Alter, 366 Chester St.
Brooklyn 12, N. Y.

לאַנשטיין, דאָראַ, און איר שוועסטער נעטי פּייערמאַן, טעכטער פון זיסעל און וועלוועל, פון פּאַדו, יאַסי, רומעניע, געאַרבייט ביי מעבעל, געקומען קיין אַמעריקע אין 1906; געזוכט פון זייער פּלימעניק, זייער ברודער'ס זוהן, בנימין דזשייקאָב, איצט אין קאַנעדע. זיין אַדרעס איז:

Buium Jacob, 745 Querbes Ave.
Montreal 8, Canada

פאַיענציקאָ, אַברהם, שרה און פעליקס. פעליקס איז געווען אַ באַרבער. זיי האָבען געוואוינט אין ברוקלין; געזוכט פון זייער קוזינע: הייסט זוזי טרייבער (מיידעלשער נאָמען: בלאַוואָט), געבאָרען אין לאָדז, איצט אין שיקאַגאָ.

דער אַדרעס איז:

Mrs. Suzanne Trayber
1532 S. Albany Ave., Chicago, Ill.

אייזענשטאַט, בעטקאַ, טאָכטער פון חוה און קאַפּעל אייזענשטאַט, פון דראָהאָביטש; געזוכט פון איר מוטער'ס קוזינע, חוה סאַלדערפּער. דער אַדרעס איז:

Mrs. C. Fastman, 605 S. 52nd St.
Philadelphia 43, Pa.

קאָרנבליט, נחמיה, זוהן פון חנה־גיטעל און יעקב, פון באַלאַכאָוו; געזוכט פון זיין פּלימעניצע בענקענדאָרף, פון דראָהאָביטש, איצט אין חיפה. דער אַדרעס איז:

Mr. Benkendorf, 4 Sport Street
Mt. Carmel, Haifa, Israel

פרידמאַן, משה און ליפּע, וואַרשיינליך אין ניו יאָרק, קינדער פון פרויקע און רבקה, פון קאַלאַראַש, בעסאַראַביע; געזוכט פון זייער קוזינע אידאַ בורד, טאָכטער פון פנחס און פריידע בורד, פון קאַלאַראַש; פריידע און פרויקע זיינען ברידער און שוועסטער. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

M. Korn, 177 Christie St. (2-D)
New York 2, N. Y.

זעלצער, שמואל יעקב, אין די סטעיטס שטאַמט פון ביעלאַגאַן ביי קעלץ, נפתלי'ס אַ זוהן; געזוכט פון זיין פּלימעניק יצחק זעלצער, זוהן פון דוד און רבקה, געבוירען אין זשאַרקי, פוילען, ערשט ניט לאַנג צוריק געקומען פון דייטשלאַנד. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

Isaac Zelzer, 177 Christie St.
New York 2, N. Y.

אַדאַם בעקערמאַן, געבוירען און געלעבט אין וואַרשע, געווען אַ מיטגליד פון דרוקער פאַראיין, דזשאַלנע 33. זוכט דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון דרוקער־פאַראיין פון וואַרשע, גרינפּאַס, געווען טעטיג אין דרוקער־פאַראיין אין די יאָרען 1937־1938, געקומען נאָך אַמעריקע אין 1938.

שר בעקערמאַן, געבוירען אין וואַרשע, דער זוהן פון יונה דוד בעקערמאַן, געבוירען אין ביאַלאַ פּאַדלאַסק, זוכט זיינע טאַנטעס, שרה'לע, געבוירען בעקערמאַן, געוואוינט אין ביאַלאַ־פּאַדלאַסק, וואַרשיינליך אין ניו יאָרק; הינדעלע, געבוירען בעקערמאַן, פון ביאַלאַ־פּאַדלאַסק, וואַרשיינליך אין אַרגענטינע.

זיך ווענדען:

Syracuse, N. Y.
Adam Bekerman, 2223 Genesee St.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

זי האָט איצט געהערט סידני'ן ציהען ווייטער דעם שמועס וועגען איר סקול. ער האָט געוואָלט וויסען אויב זי האָט האָט ניט קיין שוועריג־קייטען אין אירע קלאַסען. היינטיגע קינדער, זיי זיינען דאָך אַזעלכע ווידערשפּעניגע. עלינאָר האָט געוואונשען, אַז זי זאָל קענען אָנהאַלטען דעם שמועס איצט מיט סידני'ן און עס זאָל איר גאָרניט זיין קענטיג ווי זי פיהלט.

— ניין, איך האָב ניט קיין שום שוועריגקייטען, — האָט זי אים געזאָגט. — די קינדער פון מיינע קלאַסען זיינען ניט ערגער און ניט בעסער פון אַלע אַנדערע קינדער.

מאַרטאַ האָט אָנגעהויבען אַראָפּנעמען פון טיש, און סידני האָט אָנגעטאָן אַז אַלטען מאַנטעל און ער האָט זיך געקליבען אַרויסגעהן צו זיין גאַראַדזש, זעהן ווי עס האַלט מיט זיין קאַר.

— מען וועט דאַרפען אַמאָל אין אַ זונטאָג אַרויספאָרען פאַר אַ „ראַיד" ערגעץ ווייט הינטער'ן שטאָט, אַז דער וועטער וועט נאָר זיין גוט, — האָט ער געזאָגט צו מאַרטאַ'ן.

— איר וועט אויך מוזען מיט אונז מיטפאָרען, — האָט ער מיט געוועהנליכער פריינדליכקייט זיך געווענדעט צו עלינאָר'ען. און זי האָט אין זעלביגען טאָן אים אָפּגעענטפערט.

— דאָס וועט זיין וואונדערבאַר, סידני. איך וועל זיכער מיט אייך פאָרען.

שפּעטער אַ ווייל איז געקומען צו געהן די מאַמע מאַרטאַ'ס, די אַלטע מיסעס בלום, וואָס האָט דאָ געוואוינט ניט ווייט פון איר טאָכטער. זי האָט געבראַכט מיט זיך האָניג־קיכלעך, אַזעלכע ווי סידני האָט ליב, און אַ סלאָיאַקעל מיט אַביסעל גוטע הינערשע זופּ פאַר מאַכט און צו קרעפּטיגען. די טאָכטער האָט זיך אויף דער מאַמען כלומר'שט אָנגע'ברוגז'ט:

— צו־וואָס האָסטו דאָס געדאַרפט מיר ברענגען, מאַ, מיר פעלט דען עסען?

גאָר די אַלטע מיסעס בלום האָט צו זיך אַליין געשמייכעלט. וואָס ווייסט מאַרטאַ פון דעם פאַרגעניגען, וואָס אַ מאַמע האָט ווען זי גרייט עפּעס צו פאַר אַ קינד, אַז זי זאָל ניט קומען מיט ליידיגע הענט? זי האָט מיט אַ מבינ'יש אויג אַרומגעכאַפּט מאַרטאַ'ס אָנגעקוואָלענע פיגור און זי האָט זיך אָפּגערופען:

— עס וועט זיין אַ אינגעל. איך זעה דאָס נאָר דיין טראָגען. מיט אַ מיידעל איז דער בויך מער „צעגאָסען" און מען איז ניט אַזוי ספּריטנע ווי דו, קיין עין־הרע...

סידני אַליין האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט אין דער מאַמע'ס רייד. ער האָט געוואָלט האָבען דעם בעסטען שפּיטאָל פאַר מאַרטאַ'ן און דעם בעסטען דאָקטאָר. מאַרטאַ אַליין איז געווען אַביסעל באַאומרואיגט. — איך וואָלט וועלען דאָס שוין איבערקומען, עס זאָל שוין זיין נאָכדעם, האָט איר זי געזאָגט, נאָר די מאַמע האָט איר בארואיגט.

— איך האָב געהאַט זעקס קינדער, אָהן אַ שפּיטאָל און אָהן אַ דאָקטאָר...

אויך פאַר עלינאָר'ען, איר מאַרטאַ'ס לאַנגיאָריגע חבר'טע, האָט די אַלטע מאַמע געהאַט אַ גוט וואָרט:

מערצעשעם ביי דיר, עלינאָר. מען זאָל דערלעבען איינגיכען צו דיין חתונה...

„ניין, זי ווייסט נאָך גאָרניט, די מאַמע". — עלינאָר האָט איר געענטפערט זעהר געריהרט:

— אַ דאַנק, מיסעס בלום, אַ דאַנק.

לעבען מיט יענעמס פרייד, מיט יענעמס אינטערעסען איז אויך אַ לעבען. עלינאָר האָט זיך געפיהלט גוט ביי מאַרטאַ'ן אין הויז. זי איז אַריינגעצויגען געוואָרען אין זייערע שמועסען, וואָס האָט געהאַט צו טאָן נאָר מיט זיי אַליין און זי האָט דערווייל פאַרגעסען אין זיך. און דאָס איז געווען גוט. אַבי ניט זיין איינגאַנצען פאַרגליווערט, אַז זי זאָל ניט דאַרפען זיצען אַליין צווישען די פיר ווענט פון איר צימער.

שלעכט איז נאָר געווען ווען נאָך אַנדערע פריינט אירע פלעגען אַמאָל קומען אַהער—די אַלע אַלטע חבר'טעס אירע פון'ם „באַנטש" — דזשין און דאָראָטי און הילדא און דזשוליע. זי פלעגט דעמאָלט מוזען מאַכען אַ פרעהליכען פּנים. זיי האָבען נאָך פון גאָרניט געוואוסט. עלינאָר האָט זיי ביז איצט אַלעמען געוואָלט אויסמיידען. ליידען זיינען גרינגער צו פאַרטראָגען ווען זייטיגע מענשען ווייסען ניט פון דעם. האָט זי געזוכט צו באַהאַלטען פאַר זיי די צרה אַזוי לאַנג ווי זי וועט נאָר קענען.

דאָס זיינען געווען די זעלבע גוטע חבר'טעס אירע. און עלינאָר האָט נאָך געדענקט גוט די צייט, ווען זיי פלעגען ליב האָבען אויפצוזעצען זיך אַלע אין איין הורבע און ריידען פון זייערע פערזענליכע איבערלעבונגען, פון ליבע. הילדא, די ראָמאַנטישע נאַטור, מיט די פאַר'חלומ'טע אויגען פלעגט זאָגען, אַז איין וואונדערליכע מינוט פון אמת'ער ליבע איז ווערט מער ווי יאָרען פון טאָג־טעגליכער וואָכעדיגקייט. וועגען איר האָט מען גערעדט, אַז זי האָט אַ געליבטען, אַ אַרטיסט, ערגעץ אין גרעניטש ווילעדזש.

די קליינע דזשין האָט געהאַלטען, אַז אַ מיידעל מוז זעהן וואָס גיכער חתונה האָבען. ווען אַפילו זי וועט דערנאָך זיך דאַרפען שיידען מיט איר מאַן, און דאַרפען דורכלעבען אַ טראַגעדיע. נאָר צו וויסען, אַז זי האָט געלעבט. די שרעק אַז זי זאָל ניט טראָגען אויף זיך דעם נאָמען „אַלד מעיד" איז געווען אין איר אַ נערווים.

הילדא, אַ קאָכעדיגע, אַ באַוועגליכע ווי קוועקזילבער, זי איז געווען ווי אויף אַ שטענדיגען יאַריד. זי האָט כסדר געהאַט „דעיטס", און אַלע מאָל מיט אַן אַנדער באָי. „טו הוו פאָן" — (צו האָבען פאַרגעניגען), — פאַר דעם וואָלט זי אַלץ אָפּגעגעבען. אַן אָוונט אין טעאַטער מיט אַ בחור, אַ „ראַיד" אין אַן אויטאָמאָביל, פאַרברענגען אין אַ סוועלען רעסטאָראַן מיט טענץ ביז פאַרטאָג, זיך ליב צו האָבען נאָר אויף איין אָוונט, און ביידע, זי און דער בחור זאָלען צו גאָרניט זיין פאַרפליכטעט, און ניט טראַכטען וואָס שפּעטער וועט זיין. אַזוי איז געווען די הילדא.

עלינאָר'ן איז אַזוינס קיינמאָל ניט געווען צום האַרצען. ווען זי איז „אויסגעגאַנגען" מיט אַ בחור און זיך מיט אים געקושט, האָט זי דערנאָך שוין צו יענעם ניט געקאָנט פאַרבלייבען גלייכגילטיג אויף מאָרגען. און זי האָט דערפאַר אַזעלכע „דעיטס" געזעהן אויסצומיידען.

דאָס אַלץ איז געווען איידער זי האָט לאַרי'ן דערקענט. איר איז איצט שווער געווען דאָס אַלץ זיך צו דערמאָנען. די זעלבע גוטע חבר'טעס אירע און זי הערט פון זיי דיזעלבע רייד, מיט זיי האָט נאָך קיין שום שלעכטס ניט פּאַסירט און זי אַליין האָט שוין פאַר דער צייט אַזוי פיל דורכגעלעבט. אין אַזאַ צייט, ווען זיי זיינען דאָ אַלע געווען, האָט זי זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. זי האָט גערעדט דאָ מיט איינער, דאָ מיט אַן אַנדערער, געשמייכעלט און געלאַכט, אָנגעשטרענגט און נערוועז. אירע אויגען האָבען געקוקט ניכטער מיט אַ סאַרקאַסטישען שמייכעל אין זיי, ווי זי וואָלט געווען עלטער און געניטער פון אַלע אירע חבר'טעס.

איר האַלטען זיך איצט אָפּגעזונדערט און אַזוי פאַרשטילט האָט זיי אַלעמען געוואונדערט, און אַז עלינאָר איז אַרויס אויף אַ ווייל אין אַן אַנדער צימער, האָט אימיצער פון די מיידלעך אַ פרעג־געטאָן אין דער שטיל ביי מאַרטהא'ן:

— וואָס איז דער מער היינט מיט עלינאָר'ן?

(ווייטערס מאָרגען)

# שפּינען זיינען פאַרהאַסט אָבער זיי זיינען דעם מענשענ'ס בעסטע פריינט

(שלום פון פעדוס 2)

קענט לויפען מיט דער שנעלקייט פון שנעלסטען אויטאָמאָביל.

די מערסטע מענשען עקלען אָפּ קוקענדיג אויף אַ שפּין. אין פּראָפעסאָר פעטרוקעוויטש'ס אויגען אָבער פאַרמאָגען זיי אַלע חנ'ען אין דער וועלט. ער רעדט וועגען זיי מיט אַזאַ באַגייסטערונג ווי אַ שטייגער פּאָעטען רעדען וועגען זייערע געליבטע. ער זאָגט, אַז מאַנכע מינים שפּינען האָבען אַזעלכע פיל־פאַרביגע הייטלעך מיט פאַר שיידענאַרטיגע דיזאַינס, אַז זיי זיינען שענער ווי „פּיקטשורס" וואָס זיינען געמאָלען געוואָרען פון קינסטלער.

וויפיל פון די פינף חושים (געהער, ראיה, טאַפּען, שמעקען און טעם) שפּינען באַזיצען איז ניט גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרען. ס'הערשט אַ חילוקי דעות וועגען דעם צווישען די „ערעקנאָלאָדזשיסטען". מאַנכע זאָגען, אַז שפּינען באַזיצען דריי פון די חושים: זיי קענען זעהן, פיהלען היץ, קעלט און ווייטאָג, און דערשפּירען אַ טעם. מאַנכע ערעקנאָלאָדזשיסטען באַהויפּטען, אַז שפּינען האָבען אויך אַ חוש השמיעה, ד. ה., זיי קענען אויך הערען און ס'איז גאַנץ מעגליך אַז זיי קענען שמעקען אויך. אָבער ווי ווייט די פאַרשיידענע חושים זיינען ענטוויקעלט ביי שפּינען איז ניט גענוי באַוואוסט. מען ווייסט בלויז, אַז די שפּינען האָבען צו פיר פּאָר אויגען יעדע און אַז מאַנכע מינים שפּינען האָבען אַ שאַרף ענטוויקעלטע ראיה, אַ פיל שאַרפערע ווי ביי אַנדערע אינסעקטען וואָס האָבען מער אויגען.

שפּינען, ווי אַנדערע אינסעקטען, קומען אַרויס פון אייערלעך. די מוטער־שפּינען לייגען די אייערלעך און וויקלען זיי אַרום אין שפּינוועבס צו באַשיצען זיי בעת'ן אויסבריאונג־פּעריאָד. בעת דאָס אייעלע ווערט אויסגעוואַרימט, ערנערט זיך דאָס באַשעפעניש פון „עסען זיך אַליין" — ד. ה., עס עסט אַ טייל פון געלכעל פון דאָס אייעלע, פון וועלכען עס איז פאָרמירט. ווען דאָס גאַנצע שפּייז איז שוין פאַרצערט געוואָרען, פאַרלאָזט דאָס נייגעבוירענע שפּינעלע דער מאַמענ'ס שפּינוועבס און ווערט זעלבסטשטענדיג. עס קלעטערט אַרויף צום שפּיץ פון אַ פּלאַץ אָדער אַ פעלז אָדער אַן אַנדער הויכער זאַך איבער'ן באָדען, און עס וועבט אויס אַן אייגענע קליינע נעץ פון שפּינוועבס, וואָס איז אַזוי עלאַסטיש ווי אַ ספּרונזשינע און האַלט דאָס ניי־געבוירענע שפּינעלע הענגענדיג אין דער לופטען. די שפּינוועבס איז אַזוי שטאַרק און עלאַסטיש, אַז עס קען זיך פאַרוואַנדלען אין אַ לאַנגען פאָדעם וואָס קען אַרונטערהענגען 20 פוס אין דער לופטען און פאַרהיטען דאָס יונגע שפּינעלע פון אַרונטערפאַלען אויף דער ערד.

צוקוקענדיג זיך צו אַ שפּין, וואָס באַוועגט זיך אין דער לופטען, דוכט זיך אָפּטמאָל אויס ווי עס וואָלט געשוועבט אָדער געפלויגען, הגם עס האָט ניט קיין פליגלען. דאָס איז ניט ריכטיג. אַ שפּין קען ניט פליהען. עס ווערט געטראָגען אין דער לופטען פון די דינע אומזיכטבאַרע שפּינוועבס, וואָס איז שטאַרק ווי זייד. דאָס יונגע שפּינעלע לעבט אַזוי אין דער לופטען ביז עס ווערט רייף און לאַנדעט אויף דער ערד, וואו עס קען געפינען חיונה.

שפּינען, ווי אַנדערע באַשעפענישען, פּירען ליבעס. אַז ניט, וואָלט'ן זיי דאָך אונטערגעגאַנגען. זיי פּרוכפּערען זיך און מערען זיך. ביי די שפּינען, ווי ביי אַנדערע מינים, פּירט זיך, אַז די זכרים שדוכ'ען זיך צו די נקבות. נאָכדעם ווי דער זכר און נקבה פּאָרען זיך צוזאַמען און זיי ערפילען זייערע באַדערפענישען, טראָגען זיך די זכרים אָפּ שנעל, שנעל, וואו פעפער וואַקסט.

די נקבות זיינען אַ סך גרעסער, געזינטער און בלוט־דורשטיגער ווי די זכרים־שפּינען, און מאַנכע מינים שפּינען, בעסער געזאָגט „שפּינעכעס", שעמען זיך ניט אויפצופרעסען די מענער זייערע ווען ס'הונגערט זיי אונטער, נאָכדעם ווי די זכרים האָבען אָפּגעטאָן דאָס זייערעס...

טועז זיך די זכרים־שפּינען אָפּ זייערם בהיפזון, ד. ה. אין איילעניש, און זיי אַנטלויפען באַצייטענס. פון אַלימאַני אָדער פון זאָרגען זיך פאַר'ן וואַקסענדען דור ווינען די שפּינען־טאַטעס פּטור.

אַזוי ווי קיין צענזוסעס, ד. ה. פּאָלקס־ציילונגען, קומען ניט פאָר אין דער שפּינען־וועלט, ווייסט מען ניט גענוי וויפיל שפּינען עס זיינען דאָ אויף דער וועלט. איין ענגלישער וויסענשאַפטסמאַן, וועלכע האָט געהאַט „פּלענטי צייט" און גאָרניט וואָס צו טאָן, האָט זיך ניט געפוילט און ער האָט אויסגערעכענט, אַז עס מוזען דאָ זיין ניט ווייניגער ווי צוויי טריליאָן, צוויי הונדערט ביליאָן שפּינען אין ענגלאַנד און וועילס אַליין. וועלען מיר אים מוזען גלויבען אויפ'ן וואָרט. ווער האָט עס כח אויסצורעכענען דער צאָל פון די שפּינען אויסער אַ פּראָפעסאָר!

ניט אַכטענדיג אויף דעם פאַקט ווי גרויס די שפּינען־באַפעלקערונג אויף דער וועלט זאָל ניט זיין, זייערע פריינט, די ערעקנאָלאָדזשיסטען, זיינען איינינג, אַז שפּינען זיינען די סאַמע געקרענקטעסטע באַשעפענישן; וואָס גאָט האָט באַשאַפען און ס'איז אַ ביטערער רחמנות אויף זיי. זיי זיינען דעם מענשענ'ס פריינט און אַנשטאָט צו באַלוינען זיי, באַהאַנדלען ווי פריינט, פאַרטיליגען גאָר די מענשען די שפּינען ווי זיי וואָלטען געווען די ערגסטע שונאים.

אָבער צווישען אונז גערעדט: ס'איז דאָך ניט די ערשטע און ניט די לעצטע עוולה וואָס די באַשעפעניש וואָס טראָגט דעם נאָמען פון מענש טוט אָפּ. ער לאָסטשעט זיינע פיינד און פאַרפאָלגט זיינע פריינט, און וואָס דאַרפט איר מער? ער האָט אָפט קיין רחמנות ניט אַפילו אויף זיך אַליין... איז ווי ווי קען מען ערוואַרטען, אַז דער מענש זאָל האָבען איינזעהעניש אויף שפּינען?

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פארזעצונג)

מאַרטהאַ האָט קײנעם פון די מײד־לעך ניט דערצײלט װעגען עלינאָר'ן, פון איר ריס מיט לאַרי'ן. נאָר לױט עלינאָר'ס אױסזעהן האָבען זײ פאַר־שטאַנען, אַז מיט איר איז עפּעס שלעכטעס געשעהן. זײ האָבען דאָך אַלע גוט געדענקט עלינאָר'ן, אַז זי איז געװען װאָס מען רופט „די לאַיף אָװ דהי פּאַרטי", די אָנפירערין פון אַלע געימס. זײ געדענקען אױך װי עלינאָר איז געװען פול מיט קאַפּרי־זען און עס האָט שטענדיג געמוזט זײן װי זי האָט געזאָגט, אַז ניט, האָט זי זיך אָנגע'ברוגז'ט, און דערנאָך דעם אײנדרוק װאָס עס האָט אױף זײ אַלעמען געמאַכט װען זי האָט אַרײנ־געקראָגען אָזאַ װיכטיגען באַי װי לאַ־רי. די מײדלעך האָבען דעמאָלט איר אַלע מקנא געװען. און איצט איז עלי־נאָר עפּעס אַן איבערגעקערטע. זי איז אַזױ ערנסט און פאַרטרױערט. עס איז זי גאָרניט צו דערקענען.

— װאָס איז דער מער מיט עלי־נאָר'ן? — האָבען זײ שטילערהײט בײ מאַרטהאַ'ן געפרעגט, און מאַרטהאַ האָט זײ געגעבען אַ צײכען צו שװײ־גען.

— ליװ האַר עלאָון! — (לאָזט איר צורוה) — האָט זי זײ נאָר געזאָגט.

### קאַפּיטעל אײן־און־דרײסיג

זי איז געשטאַנען בײ דער קענדי סטאָר אױפ'ן ראָג פון גאַס. זי האָט נאָר װאָס געקױפט אַ פּעקעל פּאַפּיראָ־סען און אַ „טרו סטאָרי" מעגעזין צו לײענען. עס איז געװען פאַרנאַכט און זי איז שױן פרײ געװען פון סקול. װאָו זאָל זי איצט געהן? צו איר חבר'טע מאַרטהאַ, אָדער צו זיך אַהײם? פאַרבײ איר זײנען אַדורך מענשען אַהין און אַהער. יעדערער װײס װאָו ער געהט און װאָס ער דאַרף טאָן. אױף זײערע פּנים'ער זעהט זיך אַז זײ זײנען פול מיט אינטערעס. אַלע מענשען זײנען אַזױ פאַרנומען, און נאָר זי, עלינאָר, איז אָהן מוט און אָהן לוסט צום לעבען.

אױפ'ן שװעל פון קענדי סטאָר האָט זיך באַװיזען דער מאַן, דער פאַר־קױפער, מיטעל־יאָריג, מיט טיפע װינק־לען אין זײן שטערן און די װײסע אַרבעל אונטער זײן װעסטעל.

— איר האָט נאָך עפּעס געװאָלט קױפען, מיס? — האָט ער געשמײ־כעלט צו עלינאָר'ן.

— נײן, אַ דאַנק. איך האָב שױן אַלץ. — האָט זי אים אָנגעװיזען אױף דעם „מעגעזין" אין האַנט.

ער האָט אַ װײלע איר אָנגעקוקט מיט אינטערעס און סימפּאַטיע. אפשר האָט ער געהאַט אַ טאָכטער אין אירע יאָרען, װאָס זעהט אױך אױס אַזױ שעהן און געראָטען.

— אין גאַס איז שױן אמת'ער זו־מער — האָט ער געפּרואװט פאַרבינ־דען מיט איר אַ שמועס.

— יע, עס איז שױן אַפּריל — האָט אים עלינאָר געענטפערט. זי האָט זיך אָפּגעריסען פון אָרט און האָט זיך גע־לאָזען געהן גיך, גיך, אױפ'ן װעג צו זיך אַהײם.

אין דערהײם בײ איר האָט זי גע־טראָפען דעם זעלבען אומעט. די װענט פון שטוב האָבען איר אױסגעזעהן אַלט און אָפּגעקראָכען. די זעלבע אַל־טע מעבעל. אַלע זאַכען װאָס שטע־הען דאָ שױן אַזױ פיל יאָרען און יאָרען. ניטאָ קײן אײן פרישער װינ־קעל אױף װאָס עס זאָל זיך קענען אָפּשטעלען דאָס אױג. די מאַמע עלי־נאָר'ס איז אין דער הײם ניט געװען. זי האָט איבערגעלאָזען פאַר איר אַ צעטעלע אַז זי װײס ניט װי שפּעט זי װעט קומען, און אױב עלינאָר איז הונגעריג, איז דאָס עסען אָנגעגרײט אין אײזבאָקס.

זי איז ניט געװען הונגעריג און זי האָט באַשלאָסען װאַרטען אױף דער מאַמען. זי איז אַרײן צו זיך אין צי־מער. עס איז שױן געװען נאַכט, נאָר זי האָט ניט אָנגעצונדען קײן ליכט, זי האָט זיך שטיל אַװעקגעזעצט אין איר באַליבטען װינקעל אױף דער סאָפעלע מיד און אײנגענורעט זיך מיט אירע הענט אונטער די אָרעמס. אַז דער טעלעפאָן װעט זיך צוקלינגען, װעט זי שױן ניט לױפען מיט דעם זעלבען אימפּעט װאָס אַמאָל ענטפע־רען. „נאָ מאָר טעלעפאָנס פאַר מי"... — האָט זי געזאָגט צו זיך אַלײן.

אין צימער איז געװען פינסטער, נאָר עס איז באַלד אױפגעגאַנגען די לבנה און זי האָט אַרײנגעשיקט אַהער איר מאַט־זילבערנעם שײן. דער צי־מער איז אָנגעפילט געװאָרען מיט אַ ציטערדיגען, סודות'פולען ליכט פון שאָטענס און לבנה־שײן געמישט. עלי־נאָר האָט צוגעמאַכט די אױגען. אירע געדאַנקען װעגען לאַרי'ן זײנען געקור־מען פון זיך אַלײן. זי האָט זײ ניט געדאַרפט אַרױסרופען. עס איז געװען װי אַ נאָכקלאַנג פון אַ װאונדערליכען געהערטען ניגון, װאָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסען, אָדער װי אַ נאָכװעהעניש פון אַ שניט אינ'ם לײב װאָס פאַר־הײלט זיך שװער.

אָט גיט זיך אַ מיש־אױף אין איר געדאַנק אַ געװיסער אָװענט. לאַרי איז דעם ערשטען מאָל געקומען צו איר אַהײם. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ בוקעט מיט בלומען. זײן באַװײזען זיך אין יענעם אָװענט מיט זײן ענער־גישען און קרעפטיגען אױסזעהן, אָנ־געטאָן נעט און סאָליד אין זײן שװאַר־צען אַנצוג, און דעם גוטען אײנדרוק װאָס ער האָט אױף איר מאַמען גע־מאַכט. די גאַנצע שטוב האָט אַזױ װי אױפגעלױכטען. זי האָט דעמאָלט אַרײנגעשטעקט אַ בלום אין אירע האָר און לאַרי איז געװען פון איר אַנט־ציקט. דאָס איז געװען די גליקליכ־סטע מינוט אין איר לעבען. אַלץ אין איר האָט געזונגען.

עס קען ניט זײן ער זאָל מיט אַמאָל זיך אַזױ בײטען. ער האָט איר נאָך ליב, לאַרי. ער װעט קומען צוריק. ער װעט בעטען בײ איר אַנטשולדיגונג, אַז זי זאָל אים אַלץ פאַרגעבען, נאָר זי װעט אים שױן דעמאָלט ניט ליב האָבען. עס װעט שױן זײן פאַרפאַ־לען...

אָט דוכט זיך איר אױס װי עס עפענט זיך די טיר. לאַרי שלײכט זיך אַרײן שטילערהײט. זי ציטערט אַזש אױף. און זי לאָזט איר פאַנטאַזיע לױ־פען װײטער:

— דאָס ביזטו, לאַרי? — דוכט זיך איר אױס װי זי פרעגט בײ אים.

— יעס, עלינאָר. איך בין געקומען צוריק. איך מוז דיך זעהן.

— צו שפּעט, לאַרי. װאָו ביזטו גע־װען די גאַנצע צײט?

— איך האָט ניט געקענט, עלינאָר. שלעכטע מענשען האָבען מיר אַנגע־רעדט.

— דו, לאַרי? דו לאָזט זיך אײנ־רײדען פון שלעכטע מענשען? װאָו איז דײן כאַראַקטער?

זי הערט װי ער בעט פאַרגעבונג בײ איר, נאָר איר כעס איז ניט גע־שטילט, און זי לאָזט זיך ניט אַזױ גיך איבערבעטען. אױף זײן פּנים איז אָנגעשריבען חרטה. זײן פּנים איז בלײך, אָפּגעצערט און פאַראומערט, און זי פרעגט בײ אים:

— װאָס איז מיט דיר? דו ביזט געװען קראַנק?

— איך בין קראַנק פון מײן ליבע צו דיר — ענטפערט איר לאַרי.

ער זעצט זיך אַװעק אױף דער סאָפ־קעלע, און ניט װילענדיג הױבט זי אױף אַ האַנט און גלעט גלעטען זײנע האָר און דעם קלוגען שטערן זײנעם. ער איז צוגעפאַלען צו איר און גענו־מען איר קושען דאָס פּנים, די ליפּען, אירע אױגען.

— עלינאָר, איך האָב דיך ליב. דאָס אַלץ װאָס איך קען דיר זאָגען! — גיט ער אַ זאָג מיט האַרץ. זי װיל אים אָפּ־האַלטען, אָפּשטופּען אים פון זיך.

— ש... ש!... — װײזט זי אים אָן מיט'ן פינגער צום טיר. — די מאַ־מע איז אין אַנדערען צימער, זי קען נאָך דערהערען. — נאָר לאַרי רעדט װײטער מיט זײנע אָרעמס אַרום איר.

— איך האָב קײנעם ניט ליב אױ־סער דיך, עלינאָר.

— קײנעם ניט, אױסער מיך, לאַ־רי? דו זאָגסט מיר דעם אמת?

— דו פאַרדעכטיגסט מיך אומ־זיסט, עלינאָר. איך װעל אַלע מאָל ליב האָבען נאָר דיך. דו װעסט זעהן. אַלץ װעט פון איצט אָן זײן גוט. מיר װעלען זיך מער ניט קריגען — האָט ער איר פאַרזיכערט, רײדענדיג אין אײן אָטעם.

איצט זײנען זײ געזעסען אַרומגע־נומען און זיך געקושט הײס, לײדענ־שאַפטליך, ביז לאַרי האָט דער ערש־טער זיך געכאַפּט אַז עס איז שױן שפּעט. ער מוז שױן געהן אַהײם, און װי אַלע מאָל האָט ער אַרומגענומען איר פּנים מיט בײדע הענט, געגעבען איר דעם לעצטען קוש צום געזעגענען זיך, און ער האָט געזאָגט:

— און איצט, עלינאָר, „גאָ טו סליפּ". געה שױן שלאָפען, דו ביזט מיד.

װי לאַנג איז זי אַזױ געזעסען דאָ אײנע אַלײן און גע'חלומ'ט און אױס־געפאַנטאַזירט זאַכען, האָט זי אַלײן ניט געװאוסט, נאָר זי האָט דערהערט איר מאַמע'ס האַסטיגע טריט זיך דערנעהענטערען אַהער צו איר, און זי האָט זיך פאַנאַנדערגעװעקט. זי האָט דערהערט איר מאַמע'ס שטימע.

— עלינאָר, דו ביזט דאָ? פאַרװאָס צינדסטו ניט אָן קײן ליכט?

— איך בין דאָ, מאַדהער, בײ מיר אין צימער.

— קום, מיר װעלען עסען סאַפּער. עס איז שױן שפּעט — האָט די מאַ־מע איר גערופען.

עלינאָר'ן האָט זיך דעמאָלט גע־דוכט װי עפּעס אומגעזעהענע כוחות פאַרמעסטען זיך אַנטקעגען איר, װיי־לען איר אומברענגען. זי האָט גע־פיהלט װי זי װאָלט אַרײנגעכאַפּט גע־װאָרען אין עפּעס אַ קלעם, פון װאַנען איר איז שװער זיך צו באַפרײען.

— „לאַיף מאַסט גאָ אָן" — האָט זי געהאַלטען אין אײן װידערהאָלען צו זיך אַלײן. בײ איר איז דעמאָלט גע־װען אַ צײט, װאָס זי האָט געזוכט אױף װאָס זיך צו פאַרװענדען, װאָס צו טאָן מיט זיך װען זי פאַרבלײבט אַלײן און עס באַפאַלען איר די שװע־רע קאַשמאַרען. אײן מאָל אין אַזאַ מאָמענט איז איר מיט אַמאָל אײנגע־פאַלען:

—„װאָס איז מאָרגען, שבת? זי װעט זײן פרײ פון סקול. זי װעט גאָר צופאָרען „דאַון־טאַון". זי האָט דאָרט אַ סך נױטיגע זאַכען אײנצוקױפען: אַ נײעם הוט, זאָקען, אַ פּאָקעטבוק, הענטשקעס. זי װעט אױך קױפען עפּעס פאַר איר מאַמען אַ מתנה".

אױף מאָרגען, שבת אין דער פרי, איז זי געשטאַנען בײם שפּיגעל, זיך אָנגעטאָן גרײט צו פאָרען „דאַון־טאַון". זי האָט געהאַט אױף זיך אַ „טעילאָרד סוט", אַ קלײן היטעלע, נעט און אײנפאַך און שעהן, אַזױ װי זי האָט ליב.

— „לאַיף מאַסט גאָו אָן!" — האָט זי געזאָגט אין שפּיגעל צו איר פּנים, װאָס האָט געקוקט אױף איר מיט אַ פאַר'עקשנ'טען און אַנטשלאָסענעם אױסדרוק.

וױיטערס — מאָרגען

# אַ לעבען פון טרוימען

**ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע** ••• **פון מרים ראַסקין**

(פאָרטזעצונג)

אז זי איז געקומען אויף דער פיר־און־דרייסיגסטער גאַס, אין „שאַפּינג־דיסטריקט", איז שוין די גאַס געווען פול מיט באַוועגונג און מיט אימפּעט. עס האָט דאָ געווימעלט מיט מענשען. ס'איז געווען שבת בייטאָג, ווען מען איז פריי פון די שעפּער און די אָפּיסען און דורך די טונקעלע מיילער פון די סאַבוועיס האָבען אַרויסגעשטראָמט אַלץ נייע מענשען. ביי די ראָגען פון יעדער גאַס איז געוואַקסען אַן ענגשאַפט, אַ געמיש פון מענשען, מיט ברומענדיגע אויטאָמאָבילען, וואָס האָבען אויף אַ ווײַלע פאַרהאַלטען דעם מאַרשרוט. נאָר עלינאָר האָט פלינק געקענט זיך דורכרייסען דורך יעדען געדראַנג און לאָזען זיך געהן ווייטער.

דער אימפּעטיגער פּולס פון דער גרויסער שטאָט האָט זיך אויך באַלד איר איבערגעגעבען. און זי האָט זיך געלאָזען טראָגען אינאיינעם מיט די מענגעס מענשען, ווי מען שווימט איבער די כוואַליעס פון אַ וואַסער. ווי אַז אמת'ע ניו יאָרקער האָט עלינאָר ליב געהאַט די שטאָט, וואָס איז אייביג אומרואיג און וואַך, אַפילו אינמיטען דער נאַכט. דאָ האָט מען זיך געקענט פאַרגעסען, פאַרלירען, אויפהערען צו זיין...

אַנטקעגען איר האָבען זיך געהויבען די ריזיגע געביידעס, וואָס האָבען ווי די טורעמס זיך געצויגען אַרויף צום הימעל. זי האָט דאָס ליב געהאַט צו אָנקוקען און צו זעהן. און זי איז געווען שטאָלץ מיט דעם, ווי דאָס וואָלט באַלאַנגט צו איר אַליין.

ווי אַלע מאָל האָט זי אויפגעכאַפּט די מאַנסבילישע בליקען, וואָס האָבען אַ ווײַלע לענגער זיך אָפּגעשטעלט אויף איר און איר נאָכגעקוקט. זי איז געפעלען. צו דעם איז זי שוין געווען געוואוינט. אַזוי דאַרף דאָס זיין. און עס האָט איר אין הארצען הנאה געטאָן פון דעם.

צוריק אַהיים איז זי געקומען אַ באַלאָדענע מיט פּעקלעך, וואָס זי האָט אַליין איינגעקויפט. זעהר אַ באַלעבטע האָט זי אַ רוף געטאָן איר מאַמען:

— מאַדהער, קום זעה. דאָס איז פאַר דיר — האָט זי איר געוויזען די מתנות, אַ שעהנעם האַנט־בייטעל און הענטשקעס.

— אַ דאַנק, עלינאָר, נאָר ניט געדאַרפט אויסגעבען אַזוי פיל געלט — האָט די מאַמע איר אויסגערעדט אין גוטען מוט.

— אַה, מאַ, איך האָב גענוג געלט — האָט איר עלינאָר געענטפערט מיט אַ לייכטען געמיט.

---

בעלאַ איז געווען שטאַרק באַאומרואיגט וועגען איר טאָכטער, עלינאָר'ן. זי האָט געזעהן ווי איר איז שווער צו קומען צו זיך פונ'ם קלאַפּ וואָס זי האָט געקראָגען. זי האָט געפיהלט ווי לאַרי איז נאָך אין אירע געדאַנקען. זי איז נאָך פאַרטרויערט צייטענווייז און זי לאָזט זיך ניט טרייסטען. און אַז מען רעדט צו איר ווערט זי גיך נערוועז און אויפגערייצט. מיט אַזאַ נאַטור ווי אירע וועט איר שווער זיין צו קריגען אַ חתן. קיינמאָל וועט זי זיך ניט סעטלען און האָבען פאַר זיך אַ היים. זי קען נאָך, חלילה, „פאַרזיצען". ווערען אַן „אַלד מעיד". די יאָרען שטעהען ניט אויף איין אָרט. וואָס קען שוין זיין אַ גרעסערע צרה ווי דאָס?

דערפאַר, אַז זי האָט איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט באַגעגנט אייב גאָרדאָן'ען אין גאַס, האָט זי זיך מיט אים דערפרעהט. אייב גאָרדאָן איז דאָך געווען עלינאָר'ס אַ לאַנג־יאָריגער פריינט. ער פלעגט אַרויפקומען צו זיי אין שטוב. און בעלאַ, אַז זי האָט אים איצט דערזעהן, איז איר אין דער מינוט איינגעפאַלען אַ פּלאַן פאַר אים און עלינאָר'ן. אפשר?...

— וואָס מאַכסטו, אייב? — האָט זי אים אָפּגעשטעלט — פאַרוואָס זעהט מען דיך ניט די לעצטע צייט. דו פלעגסט דאָך אַזוי אָפט אַרויפקומען צו אונז.

— אַ, עס איז אַלץ קיין צייט ניטאָ — האָט אייב געזוכט אַ תירוץ. ער האָט בעלאַ'ן ניט געקענט זאָגען, אַז ער האָט גאָר די לעצטע צייט געזוכט אויסצומיידען עלינאָר'ן, זינט עס איז ביי איר געוואָרען די ליבע מיט לאַרי'ן. עס איז צו וועהטאָגדיג געווען פאַר אים. ער, אייב, האָט דאָך אין דער שטיל אַליין עלינאָר'ן געליבט. נאָר ער איז געווען צו שעמעוודיג און ניט דרייסט גענוג איר דאָס אַרויסצואווייזען.

— קום אַרויף צו אונז, אייב — האָט אים בעלאַ געבעטען — עלינאָר פיהלט עפּעס ניט גוט.

זי האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב זי וועט אים זאָגען אַז עלינאָר פיהלט ניט גוט, וועט ער גיכער קומען.

— וואָס איז איר, עלינאָר'ן? — האָט אייב זיך אַ כאַפּ געטאָן.

— ס'איז ניט אַזוי ערנסט. דו וועסט איר אַביסעל צעשטרייען.

— אוודאי וועל איך קומען — האָט אייב אַרויסגערעדט ערנסט — נאָך מאָרגען אפשר.

בעלאַ איז געווען צופרידען מיט איר איינפאַל. אפשר וועט זיך פּאַרט עפּעס אויסלאָזען דערפון, און אייב זאָל ווערען עלינאָר'ס חתן. אוודאי האָט זי ניט געזעהן קיין גרויסע צוקונפט אין אייבי'ן מיט זיין „סאַיענס"... ווי קומט ער צו לאַרי'ן? עלינאָר האָט דאָ דורכגעלאָזען אַ גאָלדענע געלעגענהייט. נאָר ס'איז שוין געווען פאַרפאַלען. און אייב איז געווען אַ פיינער באָי. אפשר, מיט דער צייט...

— איך האָב היינט געזעהן אייבי'ן אין גאַס — האָט בעלאַ דערנאָך דערציילט פון דעם איר טאָכטער. עלינאָר האָט די נייעס אויפגענומען מיט אַ גלייכגילטיגער מינע:

— יע? וואָס מאַכט ער, אייב? איך האָב אים שוין לאַנג ניט געזעהן.

— איך האָב אים געבעטען אַרויפקומען צו אונז, האָב אים געזאָגט, אַז דו ווילסט אים זעהן.

— צו־וואָס האָסטו אים געדאַרפט הייסען קומען? פון וואַנען ווייסטו, אַז איך וויל אים זעהן? — האָט עלינאָר מיט אַ כעס זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איר מאַמען.

— וואָס אַרט דיך אויב ער וועט קומען, אייבי. וואָס ביזטו אין כעס?

— איך וויל אים איצט ניט זעהן!

— איז עלינאָר געוואָרען צערודערט. זי איז אַזש בלייך געוואָרען. אייב ווייסט נאָך גאָרניט פון דאָס געשעהענע. זי וועט אים דאַרפען אַלץ דערציילען... ווידער אויפוועקען אין זיך די וואונד אין האַרצען. ווי איר מאַמע פאַרשטעהט דאָס ניט!

געוויס האָט עלינאָר געהאַט אַז אָנונג פון אייבי'ס ליבע צו איר. נאָר דאָס איז איר ניט שטאַרק אָנגעגאַנגען. אייב האָט איר גאָרניט אינטערעסירט ווי אַ מאַן, נאָר ווי אַ גוטער פריינט, מיט וועמען מען קען אַרויסרעדען אַ פּאָר ווערטער. איצט, אָבער, האָט עלינאָר געהאַט אַ סך אורזאַכען ניט צו וועלען זעהן אייבי'ן. זי האָט זיך געפיהלט שטאַרק שולדיג אַנטקעגען אים. זי האָט אים אַזוי ווי פאַרטריבען פון זיך מיט איר קאַלטער באַציאונג צו אים. און עס וועט הייסען, אַז איצט, נאָכדעם ווי זי איז צעריסען מיט לאַרי'ן, וויל זי אים, אייבי'ן, צוריק זעהן. ווי וועט זי קענען אים קוקען אין די אויגען?

דאָך, אַז אייבי איז אין איינעם אַז אָוונט געקומען צו איר מיט אַ וויזיט, איז זי געווען שטאַרק צופרידען. זי האָט דאָך איצט געוואָלט האָבען אַרום זיך וואָס מערער מענשען, גוטע פריינט. זי איז אַריין מיט אים אין ליווינג־רום. אייב האָט אויסגעזעהן זעהר באַאומרואיגט, ווען ער האָט מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגען איר אָנגעקוקט.

— וואָס איז דיר, עלינאָר, דו פיהלסט עפּעס ניט גוט? דיין מאַמע האָט מיר געזאָגט...

דער זעלבער אייב, מיט זיינע ניט־געשיקטע מאַניערען, דעם פאַרטראָגענעם אויסזעהן. ער האָט געגעבען אַ טו אויס זיין מאַנטעל און געזוכט אַז אָרט וואו עס אַוועקצולייגען.

— ס'איז מיר גאָרניט, אייב. איך בין אָלראַיט.

עלינאָר'ן איז שווער געווען צו ריידען. עס האָט איר אָנגעהויבען שטיקען אין האַלז און אין אירע אויגען זיינען אָנגעלאָפען טרערען. אַזוי איז מיט איר די לעצטע צייט געווען יעדעם מאָל ווען זי האָט באַגעגנט אַ פרישען מענשען, וואָס האָט נאָך ניט געוואוסט פון אירע איצטיגע איבערלעבונגען.

אַ ווײַלע זיינען זיי געזעסען איינס אַנטקעגען אַנדערען, ער אויף אַ שטול און זי אויף דער אָטאָמאַנע, און קיין איינער פון זיי האָט ניט געקענט פריער אָנהויבען ריידען. זיי האָבען זיך שוין זעהר לאַנג ניט געזעהן. זיי האָבען איצט געדאַרפט צוריק פאַרבינדען זייער פריינדשאַפט.

— דו רויכערסט, אייב? — האָט עלינאָר זיך גענומען צו איר פּעקעל פּאַפּיראָסען.

— ניין... אָלראַיט, גיב'מיר אַ פּאַפּיראָס — ער האָט איר איצט גוט אָנגעקוקט און ווי איבערגוואַלד אַרויסגערעדט:

— וואָס איז מיט דיר? פונדעסטוועגען קענסטו דאָך מיר זאָגען.

— ס'איז מיר זעהר ניט גוט, אייב. דאָס אַלץ וואָס איך קען דיר זאָגען.

אויף זיין פּנים איז געווען אָנגעשריבען אַזוי פיל אַנגסט. אים אַרט פאַר איר. אייב, איר אַלטער גוטער פריינט, פאַר אים האָט זי ניט וואָס צו באַהאַלטען. ער איז די אַלע יאָרען געווען פאַר איר ווי אַ ברודער אַן אייגענער, און זי איז געוואוינט געווען ער זאָל ביי איר אַלץ ווויסען. זי האָט געהאַלטען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען, די הענט פאַרלייגט אין איר שויס.

(ווייטערס — מאָרגען)

---

# זייער צווייטער פרילינג

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס" — פון ראָז שושנה

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

(פאָרטזעצונג)

## דער געקויפטער טאַטע

אין גרויען פרימאָרגען, ביי אַראָפּגעלאָזענע ראָלעטען, אין אַ גרויסען, ווייסען צימער, מיט לאַמפּען ווי טאָג־ליכט, האָבען אויף די ווייסע ווענט אָפּגעשפּיגעלט זיך שאָטענס, וועלכע האָבען פאַרנומען דאָס לעצטע געשריי פון דער „געווינערין".

דאַינע האָט געפיהלט ווי פון איר לייב רייסט זיך עפּעס אָפּ, עפּעס אַזעלכעס וואָס וויל אָנהויבען זיין אייגענע עקזיסטענץ, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט מער נישט געוואָלט זיין צוזאַמענגענומען מיט איר, נאָר האָט זיך געריסען אָנצוהויבען דאָס לעבען אויף אייגענעם חשבון.

זי האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח.

— גענוג שוין! גענוג! ענדיגט שוין! — האָט זי געמורמעלט — מאַכט אַ סוף! מאַכט אַ סוף! — און געשטופּט איר לייב, וואָס גיכער זיך צו באַפרייען, אָבי נישט צו ליידען מער, נישט שוין קיין כח.

זי האָט געאָטעמט מיט איין הייסען באַגער... באַפרייט צו ווערען, וואָס גיכער באַפרייט צו ווערען, ווייל מער קאָן זי שוין נישט אויסהאַלטען.

דער דאָקטאָר האָט עפּעס געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט און זי האָט דערפיהלט אַ שלעפעריגקייט, אַ מאָדנער נעפּעל איז געהאַנגען איבער אירע אויגען. און פּלוצלינג איז אַלץ אַזוי העל געוואָרען, אַזוי פיל זון, אַזוי פיל בלומען. זי האָט געוואָלט ברייט אויפעפענען די אויגען.

זי פיהלט עפּעס אַזוי לייכט, אַזוי גוט. עמיץ גלעט איר האַנט... דאָס איז ער, הערי... ער איז צוריקגעקומען... ער שטעהט לעבען איר... זי וויל צובויגען איר קאָפּ צו זיין ברוסט... אָבער זי איז אַזוי שרעקליך מיד... זי פיהלט ווי ער הויבט זי אויף העכער, אַזוי הויך, הויך... זי וויל געהן מיט אים... אָבער זי קאָן זיך נישט באַוועגען. זי איז אַזוי שוואַך, אַזוי שרעקליך שוואַך... און שוואַך, זעהר, זעהר שוואַך...

— הערי! הערי! — רייסט זיך אַרויס אַ פאַרצווייפעלט געשריי פון איר ברוסט און זי ווערט אויפגעוועקט פון אַ געשריי... אַ געשריי פון אַ קינד...

— אַזוי גוט!... אַזוי לייכט! — מורמלען אירע ליפּען. — טאַקע שוין, שוין אַריבערגעקומען? איז עס אמת?

דאַינע קאָן זיך נישט גלויבען, אַז אירע וועהטאָגען האָבען זיך שוין געענדיגט, אַז זי איז שוין ענטבונדען געוואָרען...

אָבער דאָס געוויין פון קינד... זי הערט עס גענוי. עס קלינגט אין אירע אויערען ווי די שענסטע מוזיק.

יאָ, יאָ, זי הויבט אָן גלויבען, ווייל זי פיהלט נישט מער די שניידענדיגע וועהען. יאָ, עס איז אמת, עס איז שוין נאָך אַלעם. זי איז שוין אַריבערגעקומען. זי האָט אַ קינד.

— איך האָב אַ קינד! אַ קינד! — מורמלען אירע ליפּען.

גיסען זיך טרערען איבער איר פּנים, טרערען פון וועהטאָג פאַר איר צעבראָכען לעבען, ווי אויך טרערען פון פרייד, וואָס זי איז שוין איבערגעקומען...

ווי גליקליך עס איז צו פיהלען זיך באַפרייט! ווער קאָן דען פיהלען, וואָס עס לעבט איבער אַ יונגע מאַמע ווען זי דערהערט דאָס ערשטע געוויין פון איר ניי־געבוירען קינד, ווען זי פיהלט, אַז אירע ליידען זיינען שוין צו ענדע.

ווען דער דאָקטאָר האָט געזאָגט צו איר „עס איז אַ באָי" האָט זי ספּאַזמאַטיש אָנגעהויבען צו לאַכען, אָבער באַלד איז פון געלעכטער געוואָרען אַ שטאַרק געוויין, אַ יאָמער. דאָס איז געווען אַ געוויין פון פרייד און לייד.

דער דאָקטאָר האָט איר געגעבען אַ פּאָר טראָפּענס מעדיצין. ווען זי האָט זיך באַרואיגט, האָט זי זיך געבעטען: מען זאָל איר געבען דאָס קינד אויף איין מינוט, אויף איין סעקונדע כאָטש. זי וויל עס אַנרירען.

דאַינע האָט געטוליעט דאָס קליינע קערפּערל צו איר לייב און שטילערהייט געשעפּטשעט צו איר קינד, אַזוי ווי דאָס קינד וואָלט זי געהערט און פאַרשטאַנען.

— זיי מיר מוחל, מיין טייער בעיבעלע, וואָס איך גענאַר דיך שוין, וואָס דו הויבסט אָן אַ לעבען מיט אַ ליגען, וואָס איך גיב דיר אַ פרעמדען טאַטען. זיי מיר מוחל...

דאַינע האָט באַגאָסען דאָס קליינע קעפּעלע פון איר קינד מיט גרויסע הייסע טרערען.

מען האָט ביי איר צוגענומען דאָס קינד. אירע אויגען האָבען געבלאָנדזשעט אין דער ריכטונג וואו די נוירס געהט אַוועק מיט איר פּיצעלע קינד... זיין קינד, איר הערי'ס קינד, וואָס איז באַשאַפען געוואָרען פון אַזאַ הייסער שטאַרקער ליבע. ווי שטאַרק זי האָט ליב דאָס קינד!

זי האָט געהערט דעם דאָקטאָר'ס שטימע:

— יונגע מאַמע, זיי שטאָלץ. אַזאַ באָי! אַזאַ יונג! ער וועגט 8 פונט. האָסט שוין איינמאָל אַ מאַן — האָט דער דאָקטאָר ציניש געלאַכט — און איז אַרויס פון צימער.

אין קאָרידאָר האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגעשלאָגען אין דעם צעטומולטען סעמ'ען.

— אַט דאָ, מיסטער, אין דעם צימער 556 ליגט אייער ווייב. אוי, די מענער, די מענער! זיי פאַרלירען זיך מער ווי די פרויען. אַ יונג פון 8 פונט! — האָט ער אָפּגעכאַפּט סעמ'ען פון קאָפּ ביז די פיס.

סעמ'ען שטעכען די ווערטער ווי מיט נאָדלען. ער פיהלט אַזוי שוואַך ביים האַרצען, אַזוי ווי צו חלש'ן. אַזאַ טאָג... אַזאַ נאַכט... אַזוי פיל צרות. עס איז אַביסעל צו פיל פאַר זיין שוואַכען אָרגאַניזם, אַביסעל צופיל פאַר זיין אויסגעמאַטערטער נשמה.

ער איז געווען אַזוי שוואַך, ווען ער האָט מיט וואַקלענדיגע טריט זיך דערנעענטערט צו דאַינע'ס קראַנקען־צימער, האָט ער געפיהלט, אַז ער וועט באַלד אומפאַלען. אין זיין געדאַנק זיינען געלאָפען פראַגען: „וואָס טו איך דאָ? ווי קום איך צו דער פרעמדער חתונה? ווער בין איך דאָ? וואָס טוט איך דאָ?

ער האָט געפיהלט ווי דער מוח פּלאַצט אין אים.

דער דאָקטאָר האָט געזעהן ווי סעם האַלט זיך קוים אויף די פיס, האָט ער אים אָנגענומען פאַר'ן אָרעם און געזאָגט:

— מר. גרינפעלד, איר האָט אַ וואונדערבאַרע פרוי. זי האָט זיך געהאַלטען מוסטערהאַפט.

סעם איז געוואָרען רויט ווי פייער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער דאָקטאָר ווייסט אַלץ. פאַרוואָס שטרייכט ער אַזוי אונטער דאָס וואָרט „איר"? ער לאַכט פון אים, ווייל ער ווייסט, אַז ער איז אַ געקויפטער מאַן, און איצט — אַ געקויפטער טאַטע.

אָבער דער דאָקטאָר האָט אים גוטמוטיג געגעבען אַ קלאַפּ אויף דער פּלייצע.

— איצט געהט באַגריסען אייער פרוי, זייט נישט צעטראָגען.

— יאָ, יאָ, איך געה... איך געה באַגריסען מיין פרוי. אָבי זי איז שוין אַריבערגעקומען — האָט ער צו זיך געמורמעלט — אָבי ס'איז שוין נאָך אַלעם...

מיט ציטערדיגע פינגער האָט ער אָנגענומען די קליאַמקע פון טיר.

ער האָט שטיל געעפענט און איז אַריין אין צימער, צו דער וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געליבט און וועלכע איז געלעגען אין קימפּעט מיט אַ קינד פון אַן אַנדערען, פאַר וועלכען ער מוז זיין אַ געקויפטער טאַטע.

---

# דזשאָזעף פּראָסקאַוער'ס וויכטיגע ראָלע אין אידישען לעבען

(שלוס פון עדיטאָריעל פּעידזש)

קלענערע אַנטדעקונג, אַז דער „יהודי" דזשאָזעף פּראָסקאַוער איז אַ העכסט־סימפּאַטישער יונגערמאַן — כמעט אַזוי סימפּאַטיש ווי, לאָמיר זאָגען, אַ ליטוואַק אָדער גאַליציאַנער.

אין איינעם פון אָט־די קלובען פאַר די זיהן פון אימיגראַנטען — ניין, ניט אינ'ם „פּיטער קופּער קלאַב" — איז עדי קענטאָר געווען אַ מעמבער.

ווי איר זעהט, איז דזשאָזעף פּראָסקאַוער ניט געווען אינגאַנצען אַ „דרויסענדיגער" מענש, ווען ער איז געוואָרען פּרעזידענט פון דער „יאַנג מען'ס היברו אַסאָסיעישאַן" אין ניו יאָרק אין 1926. די עדוקעישאַנעל עלאַיענס, מיט וועלכער פּראָסקאַוער איז געהאַט געווען פאַרבונדען אין די 1890'ער יאָרען, איז דאָך טאַקע געווען אַ מין „יאַנג מען'ס היברו אַסאָסיעישאַן". פּראָסקאַוער'ס ערשטע טעטיגקייט אַלס פּרעזידענט פון דער „וואַי" איז געווען אַ קאַמפּעין פאַר פאָנדס מיט וועלכע אויסצובויען אַ נייע, גרויסע בילדינג. אויב ס'וועט אייך אַמאָל אויסקומען צו באַזוכען די „וואַי" אויף לעקסינגטאָן עוועניו קאָרנער 92טע סטריט, זאָלט איר וויסען, אַז די ריזיגע, מאָדערנע געביידע, וואָס האָט אַלע באַקוועמליכקייטען וועלכע איר קענט זיך נאָר פאָרשטעלען, איז געבויט געוואָרען אין די יאָרען ווען פּראָסקאַוער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אָט־דער אָרגאַניזאַציע. ס'איז אַ מוסטער פון שענקייט און נוצליכקייט. אַ ים מיט ענערגיע האָט דעמאָלט פּראָסקאַוער אַריינגעלעגט אין דער אונטערנעמונג.

אין 1931 האָט מען פּראָסקאַוער'ן פאָרגעלעגט צו ווערען פּרעזידענט פון דער צדקה פעדעריישאַן פון ניו יאָרק. דאָס איז געווען, אַזוי־צו־זאָגען, אַ וויכטיגער „פּראָמאָושאַן". אין יענער צייט האָט די ניו יאָרקער צדקה פעדעראַציע — „פעדערעישאַן פאָר דהי סופּאָרט אָוו דזשואיש פילאַנטראָפּיק סאָסייעטיס" — אויסגעהאַלטען 92 פאַרשיידענע אידישע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטען. (היינט־צו־טאָג — 116.) ווען פּראָסקאַוער האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער צדקה פעדעראַציע, האָט אין לאַנד געבושעוועט די גרויטע דעפּרעשאַן און די סאַמע עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע איז דעמאָלט געשטאַנען אין קאָן. פיר יאָר צייט — פיר שווערע יאָר — האָט פּראָסקאַוער געהאַלטען דעם פּאָסטען.

אין 1943 האָט פּראָסקאַוער באַקומען דעם העכסטען פּאָסטען אין אידישען עפענטליכען לעבען אין אונזער לאַנד: מ'האָט אים ערוועהלט פאַר'ן פּרעזידענט פון דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע. פּראָסקאַוער'ס פאָרגענגער איז געווען דער באַוואוסטער באַנקיר און קונסט מעצענאַט, מאָריס וואָרטהיים. (כ'דערמאָן זיך, אַז מיר איז אויסגעקומען צו אינטערוויוּירען מאָריס וואָרטהיים'ס פאַרשטאָרבענעם פאָטער, דעם טאַבאַק־מאַגנאַט דזשייקאָב וואָרטהיים, מיט פונקט 35 יאָר צוריק.)

פּראָסקאַוער האָט געהאַלטען אָט־דעם פּאָסטען ביז מיט אַ יאָר צוויי צוריק, ווען דזשייקאָב בלאַוסטיין, פון באַלטימאָר, אַן אויל־מאַגנאַט, איז געוואָרען פּרעזידענט.

דער סאַמע לעצטער קאַפּיטעל פון דזשאָזעף פּראָסקאַוער'ס אויטאָביאָגראַפיע הייסט „סטריקטלי פּוירסאָנעל" — שטרענג פּערזענליכעס. אין דאָזיגען קאַפּיטעל דערוויסט איר זיך עטוואָס מכּח פּראָסקאַוער'ס פּערזענליכען לעבען — קיין סך ניט, בלויז עטוואָס. אָט, למשל, איז פּראָסקאַוער דער פאָטער פון דריי קינדער: אַ זוהן און צוויי טעכטער — אָבער פון זיין אויטאָביאָגראַפיע וועט איר זיך דאָס ניט דערוויסען. בלויז אין איין פּלאַץ שרייבט פּראָסקאַוער, צווישען אַנדערעס, אַז „זיין טאָכטער" האָט אים דערציילט אַזאַ־און־אַזאַ מין זאַך אין פאַרבינדונג מיט פראַנקלין רוזוועלט'ס נאָמינאַציע פאַר פּרעזידענט אין יאָר 1932. אָבער אַז ער האָט צוויי טעכטער, און אויך אַ זוהן, דערציילט ער אייך אינ'ם בוך ניט.

פון דעם לעצטען קאַפּיטעל — „סטריקטלי פּוירסאָנעל" — געפינט איר יע אויס, אַז ער האָט אַ סך געדרייזט אין אַמעריקע, און אויך אין אייראָפּע. איר דערוויסט זיך, למשל, אַז זיינע זומערס פאַרברענגט ער אין לעיק פּלעסיד. פּראָסקאַוער דערציילט אייך אויך, אַז ער איז אַ ליבהאָבער פון מוזיק, און האָט אַ שוואַכקייט פאַר פּאָעזיע. דאָס הייסט, ניט נאָר לייענט ער פּאָעזיע, נאָר ער פאַרפאַסט אַפילו אייגענע סאָנעטען. ער גיט אייך עטליכע מוסטערען — גאָרניט קיין שלעכטע סאָנעטען, לויט מיין באַשיידענער מיינונג. טאָמער וועט איר לייענען „עי סעגמענט אָוו מאַי טאַימס" און פּראָסקאַוער'ס סאָנעטען וועלען אייך, חלילה, פאַרשאַטען — בעט איך אייך באַצייטענס מיך צו איטשולדיגען. וואָרים ווען ס'קומט צו סאָנעטען — פּונקט ווי ווען ס'קומט אויסצוקלייבען אַ כלה אָדער אַ חתן — איז עס אַלץ אַ געשמאַק־זאַך.

פּראָסקאַוער איז איצט אַ מאַן פון צוויי־און־זיבעציג יאָר — ביז הונדערט מיט צוואַנציג! ער שרייבט, אַז ער האָט צום לעבען קיין שום טענות ניט. „אַי נאָו דהעט לאַיף אָוס מי נאָטינג" — כ'ווייס, אַז דאָס לעבען איז מיך גאָרניט שולדיג — שרייבט פּראָסקאַוער. ניין, פּראָסקאַוער איז ניט קיין זעלבסט־צופרידענער מענש, חלילה. ער נעמט זיך ניט איבער מיט זיין עשירות, אָדער מיט זיין רוהם. ער פיהלט בלויז, אַז ער'ט פונ'ם לעבען אַרויסגענומען פּונקט אַזוי פיל ווי ער האָט אינ'ם לעבען אַריינגעלעגט. עס וואָלט ניט געשאַדט, דענק איך, אַ סך אַנדערע מענשען זאָלען האָבען אָט־די לעבענס־פילאָזאָפיע. ס'רוב מענשען — און כ'שלים זיך אַליין ניט אויס פונ'ם כלל — ערוואַרטען אַרויסצונעמען פונ'ם לעבען פיל מער ווי מיר לעגען דערין אַריין. מיר ערוואַרטען „קאָמפּאַונד אינטערעסט" — פּראָצענטען אויף פּראָצענטען — פונ'ם לעבען. אָבער דזשאָזעף פּראָסקאַוער איז ניט פון אָט־דעם סאָרט מענשען. „אַי טראַסט אַי העוו פּעיד מאַי דעט טו לאַיף" — ס'ווילט זיך מיר האָפען, אַז כ'האָב באַצאָלט מיין חוב צום לעבען — שרייבט ער אויפ'ן לעצטען זייטעל פון זיין העכסט אינטערעסאַנטער אויטאָביאָגראַפיע. וואָס פאַר אַ באַשיידענער מענש! און ס'אַראַ גליקליכער מענש!

---



## צעשלאָגט אַ קאָלד!

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראססין

(פארטזעצונג)

— דו ווייסט, אייב, ביי מיר מיט לארי'ן... עס איז שוין אלץ אויס צווישען אונז.

אייב האט איר אנגעקוקט ווילד און ער האט גארניט ניט געזאגט.

— יע, יע, אייב. דיר גלויבט זיך מערסטענס אין דער היים.

אייב האט זיך אויפגעהויבען פון ארט. ער האט א שפאן געטאן איבער'ן צימער. עס האט זיך אים גארניט געלייגט אויפ'ן שכל. ער האט דאך שוין געהערט רעדען, אז אין גיכען וועט שוין די חתונה זיין ביי איר מיט לארי'ן. ער האט א טראט געטאן נענטער צו עלינאר'ן.

— איך פארשטעה ניט. איך פארשטעה גארניט — האט ער איבערגערעדט עטליכע מאל, אננעמענדיג מיט דער האנט זיינע צעפאטעלטע האר.

עלינאר האט אומעטיג ארויסגערעדט:

— דו זעהסט דאך, אייב, אזוי איז דאס. עס איז שוין אויס ליבע צווישען אונז.

ער האט איצט האסטיג ארומגעשפאנט אהין און צוריק איבער'ן צימער.

— איך האס אים איצט, לארי'ן! — האט עלינאר געגעבען א רייד ארויס מיט זיכערקייט אין איר קול, ווי צו וועלען אייב'ן איבערצייגען, אז דאס וואס זי זאגט איז אמת.

אייב האט שטארק געליטען, אז ער זאל דארפען צוזעהן ווי זי ליידט... עלינאר, די איינציגע מיידעל וואס ער האט ליב... ניט געווען איצט אין איר די לוסטיגקייט און די שטיפערישקייט וואס ער איז געוואוינט געווען אין איר צו זעהן. זי איז געזעסען אזא צוגעשטילטע, א פאראומערטע. און איר ליידען האט זיך אים געדאכט ווי זי קוקט נאך אויס שענער, מיט די טונקעלע, געלאקטע האר ארום איר אויסגעבלייכטען פנים, און מיט דעם ארעמט וואס האט זיך געטוקט אין אירע טונקעלע אויגען. עס האט אים פארדריקט דאס הארץ, און א געפיהל פון צערטליכקייט האט אים איבערוועלטיגט. ווען ער קען דאס איר איצט ארומנעמען, איך צודריקען צו זיך... ער וואלט איר דערצעהלט, אז עס איז דא נאך א מענש, וואס האט איר ליב, וואס וואלט געקענט זיין לעבען אוועקגעבען פאר איר, ווען דאס וואלט נאר געווען נויטיג.

נאר אייבי האט זיך דערמאנט אליין פארשעמט פאר זיך, וואס ער האט איצט אזעלכע עגאאיסטישע געדאנקען אין זיך, אין אזא־א צייט. ער האט אבער געוואוסט ווי צו באהאלטען זיינע געפיהלען פאר עלינאר'ן. ער איז דאך אליין אויך געווען א געליטענער, און ער האט געוואוסט א צייט ווען ליידען און ווען שווייגען.

און עלינאר'ן איז איצט געווען גרינג מיט אייבי'ן, גאר ווי אין די פריערדיגע צייטען.

— דו ביזט מיר א פריינט, אייב, ניט אזוי — האט זי ביי אים געוואלט וויסען.

— אה, וועל... — האט אייב געפרואווט נאכמאל פאררויכערען זיין פאפיראס, וואס האט שוין געהאט זיך אויסגעלאשען. ער האט ווידער אנגעהויבען ריידען פון לארי'ן:

— אזוי פלוצלונג האט עס פאסירט, אז עס גלויבט זיך מיר גארניט.

— אזוי איז דאס, אייב. פרעג ניט קיין פראגעס — האט זי ארויסגערעדט מיט א צעוויינטער שטימע.

אייב האט שווער אראפגעלאזען דעם קאפ.

— דערצעהל מיר עפעס פון דיר, אייב. ווי געהט דאס דיר מיט דיין לערנען — האט עלינאר ביי אים געבעטען. אבער ער האט נאר א מאך געטאן מיט דער האנט און גארניט געזאגט, ווי וועגען אים איז היינט ניט וויכטיג צו ריידען.

— דו קומסט אזוי זעלטען די לעצטע צייט. דו ווייזט זיך גארניט — האט עלינאר געוואלט אריינציען אים אין א שמועס. אייב האט איר ניט געקענט זאגען די אמת'ע אורזאך פארוואס ער האט ניט געקענט קומען איר זעהן, האט ער געזוכט א תירוץ:

— איך בין זעהר פארנומען. עס האט זיך אלץ ניט געמאכט קיין געלעגענהייט...

אין דעם גאנג פון אווענט האט עלינאר א פאל מאל אויפגעכאפט זיין צערטליכען בליק אויף איר. זאל דאס זיין, אז ער האט איר נאך אלץ ליב? זי האט זיך געפיהלט אנטקעגען אים שולדיג. ווען ער וואלט ניט געווען קיין מאן, וואלטען זיי דאך געקענט זיין אזעלכע טייערע פריינט. זי האט געפיהלט גארניט צו אים ווי צו א מאן, נאר ווי צו א גוטען, נאענטען פריינט.

א שווערע שטימונג האט איצט געהערשט איבער זיי ביידען. אייב איז געווען שטארק צעטרייסעלט פון דעם געשעהענעם. ער האט אים איצט אויך געהאסט, לארי'ן, פונקט ווי עלינאר האט אים געהאסט. אייב האט זיך שוין געהאט צוגעוואוינט צו דעם געדאנק, אז עלינאר, די מיידעל וואס ער האט ליב, באלאנגט צו אן אנדער באי, צו לארי'ן. און איצט איז גאר אויס צווישען זיי. ווי אזוי זאל ער דאס אויפנעמען? ער איז געווען צופיל צוטראגען. ער האט אנגעהויבען זוכען זיין מאנטעל.

— דו געהסט שוין אוועק, אייב? — האט עלינאר זיך אפגערופען.

— יע, עס איז שפעט. איך האב נאך היינט אן ארבייט צו טאן אין דער היים.

— א דאנק, אייב, פאר דיין קומען.

— דו דארפסט מיר ניט דאנקען.

— קום צוגעהן אפטער — האט אים עלינאר געבעטען ביים געזעגענען זיך.

— דו ווילסט איך זאל קומען?

— זיכער. וואס פרעגסטו אזעלכע פראגעס? אין די אווענטען בין איך מערסטענס אין דער היים.

— גוט, איך וועל זעהן — און ער האט אויף גיך זיך ארויסגעזאגט פון שטוב.

## צוויי און דרייסיגסטער קאפיטעל

די נייעס, אז ביי עלינאר'ן איז שוין אלץ אויס מיט לארי'ן, האט אויף אייב'ן געווירקט ווי אימיצער וואלט אים מיט עפעס געגעבען איבער'ן קאפ. ער איז א לאנגע צייט ארומגעגאנגען ווי פריטשמעליעט און ער האט ניט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט אים. ער האט דאך זיך שוין געהאט איינגעלעבט מיט דעם געדאנק, אז עלינאר באלאנגט שוין איצט צו לארי'ן און אז ער דארף זיך ארויסשלאגען פון קאפ יעדען געדאנק, אז זי זאל אים, אייבי'ן, אמאל קענען ליב האבען. עס איז גענוג פאר אים, אז איר איז איצט גוט. מיט לארי'ן האט עלינאר'ן דערווארט א בעסערע צוקונפט ווי מיט אים, אייבי'ן. און ער איז געווען צופרידען מיט דעם אליין, וואס עלינאר'ן וועט זיך לעבען גוט.

מיט אייב'ס גארדאנ'ען איז געווען ווי מיט די העלדען וואס מען האט באשריבען אין די ראמאנען פון אלטע צייטען; וועגען זייער גרויסער און שטארקער ליבע, וואס לעשט זיך קיינמאל ניט אויס, אפילו ווען זיי קענען ניט האפען געגענזייטיג געליבט צו ווערען. אייבי'ס ליבע איז אויך געווען פון דעם סארט. ער האט געוואוסט, אז ער אליין האט אויף גארניט וואס צו האפען, איבערהויפט איצט, ווען עלינאר באלאנגט שוין צו אן אנדערען. נאר ער האט איר ניט אויפגעהערט צו ליב האבען. ניטא אויף דער וועלט נאך אזא מיידעל, ווי עלינאר. זי איז פאר אים אלע מאל געווען סודות'דיג און ניט־דערגרייכבאר. און אלע ווייבערשע חנ'ען האט ער אין איר געזעהן.

געווען א צייט ווען זי האט געליבט דעם שעהנעם יונג מילטאנ'ען, וואס ער איז געווען פארשייט און ער האט אויף עלינאר'ן געווירקט מיט זיין דרייסטקייט און מיט די פרעהליכע מעשיות און וויצען, וואס ער האט געקענט דערצעהלען. ער, אייב, האט זיי געזעהן פלירטעווען. זיי זיינען א שטיק צייט געווען פארקאכט איינע אין די אנדערע.

ער, אייב, האט אפילו ניט געקענט זיין אויף איר אין כעס פאר דעם. אויף וואס האט ער דען געקענט האפען, אייב? אזא בחור ווי ער. ער איז ניט געווען קיין גרויסער פארשוין, מיט זיינע לאנגע הענט און פיס, ווי איבערגעוואקסען, און מיט די קורצזיכטיגע אויגען. מיט מיידלעך איז ער קיינמאל ניט געווען געשיקט. און ער האט ביי זיי ניט געקענט אויסנעמען. נאר זי, עלינאר, איז געווען די איינציגע, וואס ער האט אמאל געהערט פון איר א גוט ווארט. זיי האבען זיך פון אלע יארען געהאלטען ווי גוטע פריינט. נאר אין זיינע חלומות האט אייב זיך געקענט פארשטעלען ווי עלינאר האט אים ליב. ער האט דעמאלט געקענט לאזען לויפען זיין פאנטאזיע ווי ער איז מיט איר נאענט, ווי זיי נעמען זיך ארום און קושען זיך. און עס איז אים דעמאלט געווען גוט, אייבי'ן.

(ווייטערעס — מארגען)

# איך בין געפאהרען אנקוקען אן „אנטיסעמיטישע שטאט" אין קאליפארניע

(שלוס פון פעידזש 3)

נייע אימיגראנטען, די „די פיס", און זיי דארפען פרנסה, קומען זיי צו אים אין סטאר, וואס איז א געשעפט פון מארין־זאכען, און וואס געפינט זיך אויף דער גאס, איבער וועלכער עס געהט כסדר א שטראם פון מאטראסען און כל'ערליי נעיווי־מענשען. עס איז א גאס, ווי אן אויסגעבעסערטע, א מער ליכטיגע און מער זויבערע ניו יארקער באוערי. האלט אים די גאס אין דער געדיכטעניש פון די אונטערשטע קלאסען אין שטאט, פונ'ם סאן־דיעגא'ר פאלק, פונקט ווי פון די אייגענע אידען. און ער גיט א זאג:

— אנטיסעמיטיזם דא? און מחמת די רעאקציאנערען פון דער נעיווי?

און ער לאכט דערביי א שטיל געלעכטערל.

עס איז א מעשה וועגען אים אליין. בעת דער מלחמה האט פרעזידענט רוזוועלט דורכגעפירט, אז עס זאל ווערען א געזעץ פאר דער נעיווי צו האלטען גאנץ און זויבער די אפגעטראגענע קליידער פון די מארינס; דער נעיווי־דעפארטמענט זאל, הייסט עס, נעמען אויף זיך צו באצאלען די שניידער־און־קלינינג־סטארס, און ניט יעדער פון די מארין־סאלדאטען אליין. האט די נעיווי באלד נאכדעם אנאנסירט אין די האפען־שטעט, אז אייגענטימער פון שניידער־און־קלינינג־סטארס זאלען זיך מעלדען מיט פרייז־פארשלאגען צו קריגען קאנטראקטען. אונזער בען פיינבערג האט זיך געמעלדעט אין דער סאן־דיעגא'ר נעיווי־סטאנציע, וואס איז, אגב, די גרעסטע אין לאנד, און טאקע אין דער גאנצער וועלט. זיינע פרייז־פארשלאגען האבען אויסגענומען, האט ער געוואונען איבער אלע אפליקאנטען, הגם לויט די רעגולען פון „אן אריסטאקראטישער א רעאקציאנערער, מיליטערישער מארין־קאסטע", האבען געדארפט געווינען די קאנקורענטען און ניט ער. אים איז פארגעשטאנען בלויז די עהרליכקייט זיינע, וואס קוקט אראפ פון זיין גאנצען געשטאלט. מען האט אים אפילו ניט געפרעגט צי ער איז א בירגער, וואס ער איז נאך דעמאלט ניט געווען, מחמת דעם אלטען גלויבען זיינעם אלס ראדיקאל, אז „די גאנצע וועלט איז מיין פאטערלאנד". ער איז שוין נאכדעם יא געווארען א בירגער, איינזעהענדיג, וואס אמעריקע איז, און וואס זיין סאן־דיעגא איז. אנטיסעמיטיזם? סנאבישע רעאקציע? בען פיינבערג לאכט.

אבער איך מוז דאך פארט געפינען אנטיסעמיטיזם; איך בין דאך געפארען אנקוקען אן אנטיסעמיטישע שטאט!

קומט די אנווייזונג: דער סאן־דיעגא'ר פארט ציהט־זיך אויף פינף־און־צוואנציג מייל. די שיפען, וואס פארהאלטען זיך דארטען צו ווערען עקזאמענירט און באנייט מיט צוגרייטונגען פאר שויץ אין די פאסיפישע וואסערען און אין אלע ימים פון דעם אריענט, צעהלען זיך אין די טויזענטער. אלע טיפען שיפען, פון די מעכטיגסטע, באהאנגען מיט קריגס־עראפלאנען פון אלע זייטען, ביז די קלענסטע סובמארינען. און אויף די ברעגען שטעהען פאבריקען, וואו מען מייסטערעוועט ארום דעם, צוכאל טאג און נאכט. און דאן נעמען זיך ציהען די מדבר־שטרעקעס צווישען קאליפארניע און די גרעניצען פון מעקסיקא, וואס זיינען פארוואנדעלט אין עראפלאן־פעלדער מיט אנגעזאמעלטע „דזשאנק" און „הארדוועאר", וואס דאס איז א צויבערליכע וועלט פאר זיך אליין, און צוזאמען מיט'ן לאנגען און ברייטען פארט איז דאס די גרונד־אינדוסטריע פון סאן־דיעגא, איר עקאנאמישער פונדאמענט. אלץ פון שטאט איז געווענדעט אהין, צום פארט, אפילו די געוועהנליכע געשעפטען. און די אידישע באפעלקערונג, א וואכזאמע גרופע פון אונטערנעמער, איז אין הארצען פון דעם אלעמען. ווער איר זאגען, אז עס איז א שטאט, א „ברענענדיגער אויוון מיט אנטיסעמיטיזם"?

פרעג איך זיך אויף צוריק: עקאנאמישער אנטיסעמיטיזם איז ניטא, ווי עס איז ניטא קיין רעליגיעזער און קיין פאליטישער אנטיסעמיטיזם, אבער וואס הערט זיך מיט א וועלכער עס־איז־אידען שנאה ערגעץ אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען?

שטעהט ווי אן ענטפער, ערשטענס, דער „באלבאא"־פארק, ארום וועלכען די שטאט איז אויסגעבויט. דאס איז אן אינטערנאציאנאלער פארק מיט געביידעס אויף זיינע אלייען, וואס האבען אויף זיך די נעמען פון אלע לענדער פון דער וועלט, און איינוועניג געפינען זיך זאכען און בילדער און מאפעס און ליטעראטור, פון וועלכע צו שטודירען דעם לעבענס־שטייגער ביי יעדען פאלק אויף דער וועלט. דאס איז געבליבען פון וועלט־אויסשטעלונגען, וועלכע סאן־דיעגא האט געהאט. בעת דער לעצטער וועלט־אויסשטעלונג איז נאך ארץ ישראל ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיג לאנד, האבען סאן דיעגא'ר אידען פארלאנגט, אז מען זאל אין פארק אויפשטעלען א „פאלעסטינע"־פאוויליאן. דער בירגערמייסטער פון שטאט, וואס האט געהאט צו טאן דערמיט, האט עס, פארשטעהט זיך, נאכגעגעבען. נאך דעם איז אויפגעקומען די אידישע מלוכה, האבען די סאן־דיעגא'ר אידען פארלאנגט, אז די געביידע זאל פארבלייבען ווי די פאוויליאנען פון אנדערע פעלקער, נאר אנשטאט „פאלעסטינע", זאל מען אויף איר ארויפשטעלען „איזראעל". האט דער סאן־דיעגא'ר בירגער־קאמיטעט עס אנגענומען ווי א זעלבסטפארשטענדליכע זאך. שטעהט ישראל אין דעם „באלבאא"־פארק מיט ענגלאנד אויף איין זייט און יוגאסלאוויע אויף דער צווייטער זייט, ניט בלויז ווי א הויז מיט אנערקענונג פון דער אידישער מלוכה, נאר אויך ווי א מאנומענט פון שטאטיש־געזעלשאפטליכער פריינדשאפט צו די סאן־דיעגא'ר אידישע בירגער.

נאר לאמיר געהן ווייטער. איך לייען אין דער „סאן־דיעגא יוניאן" (די וויכטיגסטע צייטונג אין שטאט) א באריכט וועגען א מוזיקאלישען קאנטעסט אין קלובען פון שילער פון סאן־דיעגא'ר הייסקולס, און דעם אורטייל פון „בירגער מיט מוזיקאלישער קענטשאפט". שטעהען דריי אידישע קינדער צווישען אכט געווינער. און איך לייען א צווייטען באריכט. אכט־און־פערציג בירגערליכע ארגאניזאציעס האבען אונטערגענומען דורכצופירען א שטאטישע „פאמיליע־אויסשטעלונג." מען וועט אורטיילען קינדער־ערציהונג לויט שפילערייען פון קינדער און לויט זייערע באציהונגען, סאי צו די אייגענע עלטערען, סאי צו פרעמדע. אידישע פאמיליעס זיינען דערין ווי ניט־אידישע. און צווישען די ניט־אידישע געפינען זיך משפחות, וואס האלטען אויס מיט א פרומקייט א ספעציעלען מוזעאום אויפ'ן נאמען פון'ם שפאנישען מאנאך דזשוניפערא סערא, וועלכער האט געבראכט קיין סאן־דיעגא דאס קריסטליכע תפילה־ליד וועגען דעם מארטירערטום פון דעם היסטארישען אידישען זייף־מאכער פון דעם אינזעל מאיארקא.

איצט זינגט מען אין סאן־דיעגא אנדערע אידישע מארטירער־לידער. אידען זינגען אין זייערע היימען. מען זינגט די לידער פון דער ווארשעווער געטא, און מען זינגט אלץ פון דער אידישער פאעזיע, וואס לאזט זיך זינגען. און בראש פון אלע זינגער שטעהט, דוכט מיר, אונזער בען פיינבערג. ער טראגט זיך ארום מיט אויסגעשניטענע לידער פון אידישע פאעטען; אין יעדער קעשענע האט ער לידער; און פארטאן ווי ער איז מיט פרנסה און מיט כלל־טועריי, איז ער מקבל־פנים געסט פון אנדערע שטעט מיט געשמאקע געזאנגען, וואס זאגען אייך ווי געשמאק עס איז די אידישע ליטעראטור. בין איך געבליבען אינגאנצען שטעקען מיט מיינע פראגעס וועגען „סאן־דיעגא'ר אנטיסעמיטיזם". עס איז איצט גראד א שטאט פון פיינער טאלעראנץ; און אידען וואוינען צעשפרייט אויף כל'ערליי גאסען, און דווקא די זויבערסטע; און פאראן א צייטונג פאר דער געמיינדע, א צווייוועכענטליכע, מיט'ן וואזשנעם נאמען „סאוט־וועסטערן דזשואיש פרעס", וואס אין אירע שורות איז ניטא קיין שום באקלאג אויף שלעכטס; דאס שטענדיגע פראבלעם פון געמישטע הייראטען איז אויך ניטא; עס איז נאר דא זארג, אז עס זאל אויפקומען מער אידיש־גייסטיגע פירערשאפט. פארוואס־זשע האט מיין פריינט, דער פראמינענטער לאיער פון לאס אנדזשעלעס, אזוי ברייטלעך גע'דרש'ענט וועגען סאן דיעגא אלס אן „אנטיסעמיטישע שטאט?"

אפנים, ער איז אליין צופאל געקריוודעט געווארען, און ס'איז אים לייכטער דאס איבערצוטראגען מיט א טראכטען, אז ניט ער, נאר דער איד אין אים, איז געווארען בא'עוולה'ט. גאר ניט ווייניג פונ'ם „אמעריקאנער אנטיסעמיטיזם" איז פון אזא כאראקטער...

# וויפיל אידן זיינען פאראינטערעסירט אין אידישע זאכען?

(שלוס פון פעידזש 2)

קלאפעניש און פארבארגענע קושען. די פרייהייט איז דא א פשוט'ע, אלטעגליכע פראזע. און זיי זיינען ענטוישט.

זיי האבען איר אויפגעהערט צו זעהן און פיהלען. ווי מען געוואוינט זיך צו צו א פרוי, מיט וועלכער מען לעבט אפ פערציג יאר. איז וואס עלטער זיי ווערען, אלץ מעהר נעמען זיי בייגקען נאך דער יוגענט:

— א, יענע יארען, ווען מען האט געזונגען די „דובינושקא", ווען מען האט שפאצירט אונטער דער שטאט מיט פאר'חלום'טע אויגען פון א פרייער, דעמאקראטישער רוסלאנד; ווען מען האט די בייגקשאפט אויסגעגאסען אין די מעלאנכאלישע רוסישע לידער: „עך טי דאליא, מאיא דאליא", אדער „סמעלא, דרוזיא, ניע טיראיטיע".

און זיי ווילען ניט זעהן, אז דאס לאנד, וואו זיי האבען געפירט די ליבע מיט דער פרייהייט און געזונגען איר אזעלכע אומעטיגע, פארבייגקטע לידער, אין דעם לאנד האט מען די פרייהייט לאנג ערמארדעט; אז זי ליגט א סקעלעט, אונטער דער ערד, אפילו אהן א מצבה; אז אויף די וועגען פון סיביר ציהען זיך מחנות מענשען אין קייטען, און אין א גרעסערען צאל ווי ביים צאר; אז זייער שעהנער ראמאן אמאל, אין דער יוגענט, האט זיך פארוואנדעלט אין א בלוטיגען קרימינעלען ראמאן פון גענגסטערס, מערדערס און רויבערס.

דאס ווילען זיי ניט הערען. עס איז ביי זיי דאך א חלום, אן ערזאץ פאר זייער יוגענט; אויך זייער אלטעגליכער לעבען האט גארניט צו טאן מיט'ן חלום; אויך זיי ווילען ניט פארען אהין, צו לעבען אין דעם שרעקליכען עלענד און שרעק.

זיי זעהען עפעס אנדערש, און ווילען ניט מען זאל זיי דעם חלום צעשטערען. זיי פארטראגען ניט קיין קריטיק. זיי זעהען די פאראדען און די פאסאדען, וועלכע מען שטעלט פאר זיי אויף. וואס הינטער די פאסאדען געפינט זיך, ווילען זיי ניט זעהן. פאר זיי האט מען געשאפען דעם אייזערנעם פארהאנג.

אויך פאר די מענשען קאן קיין עפענטליכע מיינונג ניט עקזיסטירען, ווייל זייערע רייכע ביזנעס, זייערע שעהנע היימען, זייער גאנצער לעבען איז דאך דא, ניט דארטען. זיי שטויסען זיך ניט אויף מיט דער שוידערליכער ווירקליכקייט פון ד'ארטען.

און אזוי זיינען כמעט אלע אידישע באוועגונגען דא. מאנכע פון זיי מישען זיך, ווי דער נאציאנאליזם מיט'ן קאמוניזם. אזוי זעהען אויס אונזערע אידישיסטען דא, וואס חלום'ען מער פון אידיש ווי זיי פארווירקליכען עס אין לעבען. און אפילו די, וואס קריטיקירען די אזוי־גערופענע דיקטאטור דא, זיי אליין האבען דאך אויך ניט קיין ווירקליכקייט, זיי געהען דאך אויך אום מיט חלומות, און זיי אליין האבען אויך מורא פאר קריטיק, און צינדען זיך אן ווי א פייער, ווען מען זאגט זיי א ווארט פון קריטיק. ווייל זיי אליין זיינען פארבייגקטע און ענטוישטע, וואס קלאמערען זיך אן א שטרוי דעם חלום ניט צו פארלירען.

עס איז אמת, אז אזא צושטאנד איז א קראנקער. עס איז אמת, אז מענשען אין אזא צושטאנד ווארפט עס אין היץ און אין קעלט; אז אלץ ארום איז בלויז א צושטאנד פון עסקאפיזם, פון אנטלויפען פון דער ווירקליכקייט, פון ניט וועלען זעהן, פון אינערליכער שפאלטונג, פון א באהאלטענעם קאמף מיט דעם געוויסען. און דאס וועט אזוי לאנג דויערען ביז די קונפטיגע דורות וועלען ניט געפינען יענעם אידישען וועג דא, וואס זאל קאנען געהן פאראלעל מיט'ן אמעריקאנער וועג; ביז וואנען ביי די אייניקלעך וועט זיך אויסוועפען די בייגקשאפט און די ענטוישונג, און זיי וועלען זייער אידישקייט אויפבויען מיט דער אמעריקאנער רעאליטעט, און ווערען גאנצע אידען און גאנצע מענשען.

דער נייער, פרייער אמעריקאנער איד וועט אהן צווייפעל ארויסוואקסען פון די רעליגיעזע אידען, וועלכע קאנען די מעטאדען און די טעכניק, און האבען יענעם גרויסען חלום, וואס קאן איבערגעפלאנצט ווערען אין אלע קלימאטען.

# דזשעיקאב אראנסאן — דער אידישער לאיער פון די גרעסטע רעילראודס אין אמעריקע

(שלוס פון פעידזש 3)

ערשטע איז געווען א פראימערי סקול אויף וואלוואוירט סטריט. ווען זיינע עלטערן האבען געמופט איז דזשעיק אראנסאן אוועק לערנען אין דער פאבליק סקול אויף לאפאיעט און טרופ עווענויס. ער האט זיך אויך געגרייט צו בר־מצוה ביי א מלמד.

„קיין צופיל פרנסה האט מיין טאטע ניט געהאט, מיר פלעגען דארפען ארבייטען און העלפען אין דער סטאר. איך געדענק, אז ווען איך האב שוין געלערענט אין דער קאמוירשעל האי־סקול פלעגט איך דארפען קומען ארבייטען נאך סקול. דער טאטע פלעגט מיך ארויסשיקען אויפהענגען ווינדאו־שעידס אדער ארייננשטעלען שויבען" — ערמאנערט זיך מר. אראנסאן — „די אנדערע ברידער מיינע האבען אויך געדארפט אונטערשטעלען א פלייצע און ארויסהעלפען. מיין טאטע האט ניט געקענט אפארדען צי דינגען זייטיגע ארויסהעלפער."

אראנסאן האט שטודירט סטענאגראפיע, טאיפינג און בוקקיפינג. נאך דעם ווי ער האט גראדואירט פון דער קאמוירשעל האי־סקול האט ער געקראגען א דזשאב אין דער אמאליגער ברוקלין רעפיד טרענזיט קאמפאני. ער איז געווען א שנעלער סטענאגראפער און ער האט געקראגען א געהאלט פון 52 דאלער א מאנאט.

דזשעיק אראנסאן האט אבער געזוכט א בעסערען תכלית פאר זיך, ווי פארבלייבען א קלוירק אדער א בוקקיפער. האט ער זיך גענומען שטודירען לאא אין די אווענטען. ער האט שטודירט אין דער ברוקלין לאא סקול פון דעם סעינט לאורענס אוניווערזיטעט. אין 1906 האט ער גראדואירט און געקראגען א בעטשלאר און לאא דיגרי. אבער אזוי ווי ער איז אלט געווען בלויז 19 יאר, האט ער געדארפט ווארטען נאך צוויי יאר ביז ער וועט קענען דורכמאכען די באר־עקזאמענס און צוגעלאזט ווערען צו פראקטיצירען לאא.

דערווייל האט זיך געמאכט א געלעגענהייט פאר אראנסאנ'ען צו קריגען א דזשאב אין דעם לאא דעפארטמענט פון דער ניו יארק סענטראל רעילראוד קאמפאני. אראנסאן איז אנגעקומען אהין אלס לאא־קלוירק, אבער ער האט ארויסגעוויזען מערקווירדיגע פעאיגקייטען און קענטעניש, און ער איז שנעל דערהויבען געווארען צו העכערע דזשאבס. אין 1922 איז ער געווארען אן אסיסטענט אטוירני און מען האט אים אנפארטרויט צו פירען וויכטיגע קעיסעס. אין פיר יאר ארום, אין 1926, איז ער געווארען אסיסטענט דזשענעראל קאונסיל, און אין 1929 האט מען אים דערהויבען צום אמט פון דזשענעראל קאונסיל, ד. ה. אלס הויפט־לאיער פון דער גרויסער אייזענבאן קאמפאני, די ניו יארק סענטראל רעילראוד.

אין 1935 האט מען ערוויילט אראנסאנ'ען אלס פרעזידענט פון דער ניו יארק סענטראל אייזענבאן סיסטעם.

אויסער זיין וויכטיגען אמט אין דער אייזענבאן איז מר. אראנסאן איצט פארבונדען מיט א ריי אנדערע קארפארעישאנס. ער איז א דירעקטאר פון דער סענטשורי פעדעראל ענד לאון אסאסיעישאן פון ניו יארק און סקארסדעיל; פון דער נעשאנעל באנק ענד טראסט קאמפאני אין ניו יארק און א צאל אנדערע קארפארעישאנס. ער איז אויך א טראסטי פון ברוקלין לאא סקול, פון וועלכער ער האט גראדואירט, און אין 1934 האט די ברוקלין לאא סקול אים באעהרט מיט אן עהרן־דיגרי, דאקטאר און לאא.

דזשעיקאב אראנסאן האט אין 1914 געהייראט מיט סעודי מאיקעלס. דאס איז געווען א ליבע־שידוך.

„ס'איז געווען א יוגענט־ראמאן צווישען אונז. אונזערע פאמיליעס זענען געוואוינט אויפ'ן זעלבען בלאק און זיי זיינען געווען באפריינדעט. שפעטער האט מיין פרוי'ס פאמיליע געמופט קיין פעטערסאן, אבער מיר פלעגען זיך אלץ טרעפען, און ווען מיר זיינען אונטערגעוואקסען איז געווארען א שידוך" — האט מיר מר. אראנסאן דערציילט.

אראנסאן און זיין פרוי וואוינען אין סקארסדעיל, ניו יארק. זיי האבען צוויי קינדער — א זוהן און א טאכטער. דער זוהן יובערט, וועלכער איז איצט 28 יאר אלט, האט שטודירט אין קארנעל איניווערזיטעט. בעת'ן קריג איז ער אריינגעטראטען אין דער ארמיי און איז געווארען א ליוטענענט. נאך דער באפרייאונג פון דינסט איז ער אנגעקומען אין דער הארווארד איניווערזיטעט ביזנעס סקול און האט זיך אויך גענומען צו רעילראודינג.

„ניין, ער ארבייט ניט אין דער ניו יארק סענטראל רעילראוד. ער וויל בויען זיין אייגענע קאריערע" — האט מיר מר. אראנסאן געזאגט — „ער גייט קירצליך הייראטען מיט א מיידעל פון פיטסבורג" — האט מר. אראנסאן צוגעגעבען.

זיין טאכטער רות איז פארהייראט צו מר. פיטער מאיער און זי האט א קינד. אין דער צייט פון קריג האט דער איידים אויך געדינט אין די באוואפענטע כוחות און די טאכטער האט געוואוינט מיט זיי. די טאכטער און איידים מיט זייער קינד וואוינען נאך אלץ ביי די אראנסאנס און זיי ווארטען ביז די הויז וואס מען בויט פאר זיי אין סקארסדעיל וועט פארטיג ווערען.

— מיר האבען דערווייל א סך „פאן" מיט אונזער אייניקעל — האט מיר מר. אראנסאן דערצעהלט. — איך, אלס ברוקלין־געבוירענער, בין נאטירליך א פאטריאט פון די „ברוקלין דאדזשערס" בעיזבאל טים; מיין זוהן און איידים זיינען פאטריאטען פון די ניו יארק יענקיס און דזשאיענטס טימס. זיי האלטען, אז סקארסדעיל איז נענטער צו ניו יארק ווי צו ברוקלין, דארף מען דעריבער „רוטען" (האלטען פון) די ניו יארקער טימס.

— איך האב אבער אריבערגעוואונען מיין אייניקעל ער זאל האלטען פון די „דאדזשערס". טוען זיך אפ מעשים אין הויז ביי אונז! מיין זוהן שרייט, אז איבער־רעדן דאס אייניקעל איז „פאררעט", אבער זייערע טענות העלפען אים וועניג וואס. מיין אייניקעל האלט מיט מיר און מיר ביידע רוטען פאר די ברוקלין דאדזשערס און טוט אונז עפעס!

דזשעק אראנסאן איז אבער פאראינטערעסירט מער אין גאלף ווי אין בעיזבאל. ער באלאנגט צום קוועקער רידזש גאלף קלאב, א העכסט־אריסטאקראטישער אידישער גאלף קלאב אין וועסטשעסטער.

— מיר, די מיטגלידער, באהויפטען, אז דער גאלף־פעלד איז אויסגעלייגט געווארען פון אן אנטיסעמיט. בלויז א צורר־היהודים וואס האט פיינט אידען קען זיי אנטאן אזעלכע צרות און אנידערלייגען אזויפיל שטיינער אין וועג, אזויפיל „הערזארדס" (ד. ה. שוועריגקייטען), אז מיר זאלען האבען אזוי פיל עגמת נפש שפילענדיג, — האט זיך מר. אראנסאן געוויצעלט.

אבער אויסער ביזנעס און ספארטס האט מר. אראנסאן א סך אנדערע אינטערעסען אויך. ער האט ליב צו לעזען, באזונדערס פילאזאפישע ווערק, ביאגראפישע ווערק און היסטארישע ווערק. ער איז, ווי ער האט מיר דערצעהלט, באזונדערס פאראינטערעסירט אין אידישער געשיכטע און ער האט א היבשע ביבליאטעק פון אידישע ווערק אין ענגליש.

ער לייענט אויך די בעסערע פיקשאן, ד. ה. ליטעראַרישע ראמאנען. אבער צו־פארקאכט אין פיקשאן איז ער ניט.

— דער ווירקליכער לעבען איז אינטערעסאנטער, פארביגער און רייכער, א סך פאנטאסטישער ווי די אויסגעטראכטע פיקשאן. כ'פארשטעה נאך, ווען מען גיט צייט צום לעזען קלאסישע ווערק. אבער לייענען גלאט אזוי פיקשאן איז אן עבירה די צייט, — האט ער זיך אויסגעדריקט פאר מיר.

און מען דארף צוגעבען, אז אראנסאן איז גערעכט אויך. אט נעמט, צום ביישפיל זיין אייגענעם לעבען. איז עס ניט אזוי אינטערעסאנט ווי אן אויסגעטראכטע מעשה וואס ווערט דערצעהלט אין די ביכער וועגען ארימע קינדער וואס האבען זיך ארויפגעארבייט הויך־הויך, א דאנק זייער ענערגיע און פעהיגקייט.

אנו זאגט אז עס איז ניט אזוי!

# די קינדער אין די ארבייטער רינג שולען

(שלוס פון פעידזש 6)

טער רינג. מען דארף אבער אויך לערנען העברעאיש, אלס די שפראך פון אונזער אלטער קולטור, אלס די שפראך פון מדינת ישראל. די קינדער דארפען האבען אויך דעם שליסעל צו די אלטע אידישע אוצרות.

דער צוזאמענפאר האט אויך אויסגעדריקט זיין פארלאנג, אז אין די אינטערעסען פון א פראדוקטיווער קאאפעראציע צווישען ישראל און אמעריקע, דארף ישראל ארויסווייזען מער טאלעראנץ, מער פארשטענדעניש פאר דער אידישער שפראך.

דער ענין סאציאליזם אין דער שול האט אויך פארנומען א וויכטיגען פלאץ אין דער פארהאנדלונג פון צוזאמענפאר. דאס הייסט ניט דער לימוד פון פראגראם פון סאציאליזם אדער פון מארקסיזם. עס הייסט עפעס אנדערש. עס הייסט דער גייסט פון סאציאליזם, וואס איז די האפנונג פון דער וועלט, וואס איז דער חלום פון די בעסטע טיילען פון אונזער פאלק, וועלכער האט באוועגט סאי די אויפוואכונג פון די אידישע מאסען אין אלע טיילען פון דער וועלט און האט אויך מיטגעהאלפען דעם אויפבוי פון ישראל.

* * *

זיי זיינען געווען פאנטאסטען, ראמאנטיקער, ווילדע עקשנים, אט די, וואס האבען אנגעהויבען, מיט צוואנציג יארען צוריק, דעם בנין פון דער ארבייטער רינג שול. זיי זיינען געווען פאנאטיקער, אט די שול־טוער, וועלכע האבען טאג־איין, טאג־אויס, יאר־איין, יאר־אויס, געמאטערט זיך, געפלאגט זיך מיט די צרות פון דער אידישער שול און געהאט אזוי ווייניג פרייד. עס זיינען געווען כלומר'שט מלמדים, די לערער פון די שולען, וואס האבען געהאקט אין די פעלזען פון גלייכגילטיגקייט, געיאגט די כוואליעס פון אסימילאציע, געזוכט און געגרינשטערט אין די טיפענישען פון די ערציהונגס־פראבלעמען. זיי האבען אבער אויסגעהאלטען. זיי האבען ניט געלאזט די שול אומקומען. ס'איז געווען א שווערער, א ביטערער וועג. עס זיינען געווען בלאנדזשענישען. מען האט נאך דעם וועג ווייט ניט דורכגעמאכט. עס איז נאך צו געהן און צו געהן פאראויס. דער צוזאמענפאר האט אבער געהאט פאר זיך מער קלארקייט, מער זיכערקייט, מער גלויבען. איך האב געהערט די אנטציקונג, ווען א קינד פון די שולען האט גערעדט צום צוזאמענפאר. זאגט מיר א שול־טוער: „צוליב דעם אליין האט געלוינט". איך האב געפיהלט די שטימונג, ווען דער צוזאמענפאר האט זיך אויפגעשטעלט אפצוגעבען כבוד די אומגעקומענע לערער און קינדער פון אידישע שולען אין פוילען. דאס איז געווען א הייליגע רגע. די אידישע שול אין פוילען האט אויסגעהאלטען איר עקזאמען, ווען זי איז געווען ארומגענומען מיט פלאמען פון היטלער'ס שרפות. די געוועזענע תלמידים פון די שולען זיינען געווען די גיבורים פון די געטאס. די לערער פון די שולען זיינען געגאנגען מיט די קינדער אויף זייערע הענט אין די קאלר־אויוונס. זייער גייסט איז געקומען אויפ'ן צוזאמענפאר, ווען מיט'ן גרעסטען יראת הכבוד איז מען געשטאנען געבויגענע און שטומערהייט געהייליגט זייער אנדענק. „עס איז א גרויסע, פאראנטווארטליכע ירושה" — האב איך געהערט פון איינעם פון די שול־טוער. איך האב דעם איינדרוק, אז אט די פאראנטווארטליכקייט פאר דער ירושה האבען אלע געפיהלט.

„אין ארבייטער רינג זיינען דא פארשיידענע טעטיגקייטען — האט געזאגט איינער פון די טוער — אבער די שול־טעטיגקייט איז די יום־טוב'דיגסטע. עס איז אזוי נויטיג. מען דעקט דעם טיש מיט א ווייסען טישטוך און מען שטעלט אויף אים ארויף שבת'דיגע ליכט, און די מאמע בענשט די ליכט".

פינף מיליאן אידען זיינען דא אין אמעריקע, קיין עין הרע. מיינט עס, אז עס זיינען דא ארום 700 טויזענט אידישע קינדער אין שול־עלטער. אין די ארבייטער רינג שולען לערנען זיך, ווי שוין דערמאנט, אכט טויזענט קינדער. געוויס איז עס א קליינע צאל אין פארגלייך מיט דער צאל אידישע קינדער אין אמעריקע. עס איז אבער דאך א מחנה פון 8,000 פיאנערען. מיט די שולען פון ארבייטער רינג זיינען פאראינטערעסירט א וועלכע אכט טויזענט טאטע־מאמעס. דאס מיינט ווידער, מיט זייערע משפחות, א 20 טויזענט אידען. עס זיינען פאראינטערעסירט געוויס א 5,000 שול־טוער. מיט זייערע משפחות — ווידער א 10־15 טויזענט אידען, — ארבייטער רינג אידען, סאציאליסטישע אידען. דאס איז אן אוואנגארד־גרופע. אט פאר דעם אוואנגארד איז דער שול צוזאמענפאר, וואס איז פארגעקומען אין עסבורי פארק, געוויס געווען סאי א דערמוטיגונג און סאי אן אויפפאדערונג צו געהן ווייטער, געהן פאראויס.

# פרויען באפרייען זיך פון לאנגע שטונדען קיך־ארבייט

דער גרעסטער פארלאנג פון פרויען, ווען אין דרויסען שיינט די ווארימע פרילינג זון, איז צו באפרייען זיך פון לאנגע שטונדען שווערע ארבייט אין דער קיך צוצוגרייטען א מאלצייט פאר דער פאמיליע. א גרויסע הילף אין ערגרייכען דעם דאזיגען ציל, זיינען די באריהמטע קעמפבעל זופען. די דאזיגע אויסגעצייכענטע, היימיש־געשמאקע זופען, קומען גרייט אין א קען. אלץ, וואס מען דארף איז עפענען די קען, צוגיסען וואסער און מען קריגט אזא גוטע זופ, וועלכע וואלט גענומען א סך צייט און ארבייט דאס אליין צו קאכען.

קעמפבעל'ס טאמאטא זופ, ווערזשעטעבל זופ, אספאראגוס זופ, סעלערי זופ און די אנדערע זופען, וועלכע זיינען אנגענומען אין אידישע היימען, ווערען געמאכט מיט די בעסטע און פרישסטע גארטען־ווערזשעטעבלס אין ציכטיג־ריינע קעמפבעל'ס קיכען, לויט רעציפעס, וועלכע האבען זיך געשאפען א נאמען צווישען פיינשמעקער פון שפייזען.

ווען איר ווילט הנאה האבען פון פרילינג, פארברענגט ניט קיין סך צייט אין דער קיך. פאר לאנטש, אדער פאר דינער, עפענט א קען קעמפבעל'ס זופ און זעהט ווי אייער פאמיליע וועט זיך דערקוויקען, און ווען איר ווילט א קרים זופ, דארפט איר בלויז צוגעבען א ביסעל מילך, און איר וועט האבען די געשמאקסטע קרים פון סעלערי, אדער קרים פון אספאראגוס זופ. די נאהרהאפטיגקייט פון די דאזיגע זופען איז ספעציעל צוגעפאסט פאר דעם פרילינג. און די גרין־פי זופ, וועלכע קעמפבעל מאכט, איז ממש א ליבלינג פון די, וועלכע האבען זי איין מאל פארזוכט. קריגט היינט עטליכע קענס ביי אייער גראסער און האט שטענדיג א זאפאס גוטע קעמפבעל'ס זופען אין אייער היים. עסט די דאזיגע זופען אפט, און געניסט פון זייער טעם און גוטער קוואליטעט.





# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ● ● ● פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

נאָר שפּעטער, אַז עלינאָר האָט לאַ־רי'ן דערקענט, האָט אייבּ באַלד דער־זעהן, אַז עס איז ביי איר ערנסט. לאַרי פּינקעל איז געווען אַ בחור, וואָס מ'האָט געקענט זיך אין אים פאַרלי־בּען. אַן ערפאָלגרייכער מענש, מיט אַ פּאַרטיגער קאַריערע, מיט אַ צוקונפט. געוויס האָבּען אייבּי'ס געפיהלען צו עלינאָר'ן זיך ניט געבּיטען. זיין האַרץ איז אויסגעגאַנגען מיט בענקשאַפט צו איר. נאָר ער האָט איר ניט געקענט זעהן. צו טרעפען איר איצט אינאיי־נעם מיט איר געליבּטען, זיך פאַר־שטעלען ווי זי ליגט אין זיינע אָרעמס, ווי זי טוליעט זיך צו אים... דאָס איז געווען איבּער זיינע כוחות. שוין גלייבּער אינגאַנצען ניט צו באַ־געגענען איר.

האָט ער איר איצט אויסגעמידען וואָן ער האָט נאָר געקענט. אַז ער האָט פון דער ווייטענס איר דערזעהן געהן, איז ער אַנטלאָפען אויף דער אַנ־דערער זייט גאַס. ער איז געוואָרען ווי אַריינגעצויגען אין זיך. יעדען געפיהל צו איר האָט ער איצט געדראָפּט פאַר־שטיקען טיף אין זיך. און ער האָט געטריבּען פון זיך יעדען געדאַנק וועגען איר, אַז ער זאָל פון איר מער ניט טראַכטען. ער האָט ניט מער מיט וואָס זיך צו פרעהען און אויף וואָס צו האָפען. אַזוי האָט ער שוין גע־האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך.

איין טרייסט איז אים דעמאָלט נאָר פאַרבּליבּען. דאָס לערנען זיך, געהן אין קאָלעדזש און שטודירען וויסענ־שאַפטען. ער האָט, ווי אַלע מאָל, זיך אָפּגעגעבּען אַ סך צו „ריסוירטש“־פאָרשונגס־אַרבּייט. דאָ האָט ער זיך געפיהלט שטאַרק און כסדר האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין אַרבּייט. ביז איצט האָט ער געהאַט אויפגענומען אַלגעמיינע קורסען פון כעמיע, בּיאָלאָ־גיע און פיזיקס. און ענדליך האָט ער אויסגעקליבען מעדיצין, און ער האָט באַשלאָסען אַריינצוטרעטען אין „מעד־דיקעל סקול“.

געלט אויף לערנען האָט ער געהאַט דורך די אַלערליי אויסצייכענונגען און סקאָלערשיפּס, וואָס ער האָט געקראָ־גען. און אין די פּאָר זומערדיגע מאָ־נאַטען האָט ער געאַרבּייט אין אַ האָ־טעל אין די בּערג, ווי אַ וועיטער, און ער האָט דאָרט גוט פאַרדינט.

לערנענדיג אין מעדיקעל סקול, האָט ער אין דער זעלבּער צייט ניט איבּער־געריסען די „ריסוירטש“־אַרבּייט, וואָס האָט אים אינטערעסירט די אַלע יאָרען, און ער האָט אָפּגעגעבּען צו דעם וויפיל צייט ער האָט נאָר געהאַט. ער האָט ליב געהאַט צו גרונטעווען זיך אין די סודות פון דער נאַטור, און דאָ האָט ער געזעהן וועלטען גאַנצע נאָך ניט קיין אויסגעפאָרשטע, און ער איז פון דעם געוואָרען פאַרכאַפּט.

דער פּראָפעסאָר, אונטער וועמענס אויפזיכט אייבּ האָט געאַרבּייט, האָט דורכגעפיהרט אַלערליי עקספּערימענטען אויף דעם געבּיט פון קאַנסער, און דער סטודענט אייבּ גאָהראַן איז געווען ביי אים ווי זיין רעכטע האַנט. ווייל אייבּ איז געווען וואָס מען רופט אַ „סטאַר־דיאַינג טאַיפּ“, איינער וואָס האָט ליב זיך צו גרונטעווען און צו וויסען, און ער האָט געקענט זיך אָפּגעבּען צו אַ זאַך מיט לייבּ און לעבּען.

שפּעט ביינאַכט האָט מען אייבּי'ן אַמאָל געקענט זעהן, ווי ער זיצט ביי זיך אין דער היים איבּער די בּיי־כער מיט זיין „האָום־וואָרק“ (היים־אַרבּייט). אַרום אים, אין דער ענג־שאַפט פון זיין אָרימער היים, זיינען שוין אַלע געשלאָפען: די אינגערע שוועסטער און בּרידער זיינע, און אויך זיין טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען מידע אַוועקגעפאַלען אין די בעטען נאָך אַ טאָג אַרבּייט אין זייער סטאָר. און ער, אייבּ, איז געזעסען ביי דעם מאַ־גערען שיין פון עלעקטרישען לעמפּעל ביי זיין טישעל מיט די ביכער און פאַר־פירען און געלערענט און שטודירט. און ער האָט דעמאָלט אַרום זיך גאָרניט געזעהן... געווען פאַרטאָן אין זיין אַר־בּייט...

אַמאָל נאָר אין אַזאַ מינוט האָט ער פאַרבּויגען אַ בּלעטעל אין בּוך און האָט זיך פאַרקלערט. דאָס האָט עלי־נאָר זיך אַריינגעמישט אין די געדאַנ־קען זיינע און עס האָט זיך אים גע־טראַכט פון די זעלטענע גוטע מינוטען וואָס ער האָט מיט איר געהאַט, ווי אַ שטייגער דעמאָלט ווען זיי זיינען ביי־דע געפאָרען „דאָון־טאָון“. ער האָט איר אויסגענומען אין טעאַטער, אויף בּראָדוועי. דערנאָך זיינען זיי אַריין אין אַ רעסטאָראַן עסען סאַפּער. ניין, ניט אין אַ רעסטאָראַן, נאָר אין אַוי־טאָמאַט. און דאָרט, אויבען, אויף דער גאַלעריע, האָבּען זיי ביידע פאַר־בּראַכט. ביז שפּעט אין אָוונט זיינען זיי דאָרט געזעסען, נאָר זיי ביידע. עלינאָר האָט עס שוין מסתמא לאַנג פאַרגעסען... ער — ניט...

אוודאי האָט אייבּ געוואוסט ווי עלי־נאָר האָט געקענט זיין שלעכט. זי איז פול געווען מיט קאַפּריזען. און זי האָט אַן אים, אייבּ'ן, געקענט אינגאַנ־צען פאַרגעסען, אַז איר האָט זיך אַזוי פאַרוואָלט, ווי ער וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. נאָר ער האָט דער־פאַר אויף איר ניט געקענט האָבּען קיין פאַרדרוס. עס האָט זיך דאָך איר אַליין אויך ניט גוט געלעבּט, אין איר עלענטער היים. אייבּ האָט דאָך אַלץ געוואוסט.

אין דער צווישענצייט פון איין אַר־בּייט און אַן אַנדערער, ווען ער האָט זיך צענויפגעטראָפען מיט קאָלעגען־סטודענטען, האָט ער ניט־וויליענדיג זיך איינגעהערט צו זייערע בחור'שע שמועסען, וועגען זייערע באַציאונגען צו מיידלעך. זיי פלעגען דערציילען וועלכע מיידלעך זיי האָבּען באַגעגענט און ווי זיי האָבּען דעם אָוונט פאַר־בּראַכט. איינער פון זיי האָט בסדר ליב געהאַט צו באַרימען זיך פון די ערפאָלגען וואָס ער האָט ביי די מייד־לעך און אַז ער קען צו יעדער צייט אָפּרופען איינער פון זיי און האָבּען מיט איר אַ „דעיט“. און אייבּ האָט דעמאָלט ביי זיך געטראַכט אַז עס איז פאַראַן נאָר איין מיידעל, וואָס עס איז כדאי צו דערמאָנען איר נאָמען. און וואָס נאָר א י ר קען מען ליב האָ־בּען. נאָר ווען ער וואָלט דאָס אי־מיצען דערציילט, וואָלט ער מיט דעם נאָר פאַרבּיליגט דעם אָנדענק וועגען איר, און דאָס וואָלט צונישט געמאַכט דעם טיפען געפיהל, וואָס ער טראָגט אין זיך באַהאַלטען.

נאָר זינט ער האָט זיך דערוואוסט פון דער לאַגע, ווי עס האַלט מיט עלינאָר'ן און לאַרי'ן, איז ער, אייבּ, אינגאַנצען עפּעס אַרויסגעשלאָגען גע־וואָרען פון זיין גלייכגעוויכט.

באַלד אין אָנהויבּ, ווען ער האָט אָנ־געטראָפען אין גאַס בעקאַ'ן און זי האָט אים געבּעטען קומען זעהן עלי־נאָר'ן, האָט ער געהאַט באַשלאָסען, אַז ניין, ער וועט ניט געהן. ער איז אַ פאַרנומענער מענש. ער לערנט איצט אין מעדיקעל קאָלעדזש, און ער האָט גענוג זאַכען מיט וואָס צו זיין פאַר־נומען. זאָל מען אים לאָזען צורו.

דאָס איז געווען אין דער ערשטער מינוט, נאָכדעם ווי ער איז אַוועק פון בעקאַ'ן. נאָר אין אַ ווייל׳ע אַרום איז שוין זיין כעס געהאַט אָפּגעגאַנגען. זיין פאַרלאַנג ווידער צו זעהן עלינאָר'ן האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין שטאַר־קער פון אים אַליין. עלינאָר פילט ניט גוט. זי איז ניט געזונט. און ער האָט פאַרגעסען אַז אַלע זיינע באַשלוסען. ער איז דעמאָלט געגאַנגען איר זעהן מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען: און דאָס וואָס ער האָט זיך דערוואוסט האָט אים אינגאַנצען צעטומלט, אַרויסגעפירט פון זיין גלייכגעוויכט, און ער האָט אַן זיך אַליין אינגאַנצען פאַרגעסען.

עלינאָר איז איצט געווען אין אַ צרה. ער האָט איר געזעהן ליידען. עלינאָר, די מיידעל וואָס ער האָט ליב, איז איצט אין טרויער. ער איז געווען צופיל גערירט. און ער איז אין כעס געווען אויף דעם לאַרי'ן. וואָס צוליבּ אים איז דאָס אַלץ געשען. ער האָט ניט געוואוסט ווי טייער איר צו האַל־טען. ער האָט איצט אָט דעם לאַרי'ן געהאַסט פּונקט אַזוי שטאַרק ווי עלי־נאָר האָט אים געהאַסט. אייבּ האָט באַשלאָסען, אַז ער וועט פון איצט אַז זיך מיען צו זעהן עלינאָר'ן וואָס אָפּ־טער. ווען נאָר ער וועט האָבּען אַביסעל צייט. זי דאַרף איצט האָבּען אַ מענ־שען, אַז זי זאָל ניט זיין אַליין, אויף צעשטרייען איר. „טו טשיר האָר אַפּ“, וועט ער קומען. זי האָט דאָך אים אַליין געבּעטען ער זאָל זיך ווייזען פאַר איר אָפטער. זי האָט דערמאָנט וועגען דעם, אַז זיי זיינען פריינט. דאָס וואָס עלינאָר נויטיגט זיך איצט אין אים האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין פאַרלאַנג איר צו זעהן. מען מוז מודה זיין, אַז אין אייבּ'ן האָט איצט אַ נייע האָפענונג אויפגעוויכט. ער איז נאָר געווען אַ לעבעדיגער מענש, און זיין ליבע, וואָס איז געלעגען טיף באַהאַלטען אין אים אונטער זיבען שלעסער פאַרשלאָסען, האָט איצט אויפגעלעבּט מיט אַ נייעם כוח.

נאָר ער וועט וויסען ווי צו האַלטען זיך און ווי צו האַנדלען, אַז עלינאָר זאָל זיך ניט אָנשטויסען, וואָס ער פיהלט. ער וועט נאָר לעבּען איר זיין. ער וועט איר זעהן און שמועסען מיט איר. פאַר אַזאַ בחור ווי אייבּ איז דאָך געווען אַ סך...

עלינאָר'ן איז איצט געווען גוט. זי האָט געהאַט אייבּי'ן, מיט וועמען אַרויסצורעדען אַ וואָרט. ער איז שטענדיג געווען אויפ'ן אָרט ווען זי האָט זיך אין אים גענויטיגט. אייבּ איז געווען שטאַרק פאַרנומען. זיין צייט איז געווען אויסגערעכענט אויפ'ן האָר. נאָר ער האָט זיך שוין געקענט געבּען אַן עצה אָפּצורייסען אַ שעה אָדער צוויי און קומען זעהן עלינאָר'ן.

יע, אייבּ איז איר איצט גוט צונייץ־גע־קומען. זי איז שוין מיט אים אַפילו געווען אַ פּאָר מאָל ביי מאַרטאַ'ן, איר פריינדינע, און דאָרט איז אייבּ געווען אַן אַנגעלייגטער גאַסט. מאַרטאַ איז געווען צופרידען וואָס עלינאָר איז איצט ניט אַליין, און איר מאַן, סידני, האָט דאָך יעדערען געקענט מאַכען פיהלען, אַז מען איז אַן אַנגעלייגטער גאַסט ביי אים אין הויז. און ער האָט געקענט אַרויסרופען אייבּ'ן אויף אַ שמועס.

(ווייטערס — מאָרגען)

---

# טאלסטאי און זיין ווייב

**די שטורעמדיגסטע יארן פון טאלסטאי'ס פאמיליען־לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראמאן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.**

●

פון לעאן קרישטאל

(פארזעצונג פון פרייטאג)

ווען סאניא איז ענדליך געווען גרייט צו געהן אונטער'ן מעסער, איז שוין טאלסטאי געווען אזוי אויפגערודערט, אז ער האט ניט געקאנט פארבלייבען אין הויז. ער איז אוועק אין נאהענטען וואלד אריין צו זיין אליין און צו זאגען תפילות. פאר'ן אוועקגעהן האט ער אנגעזאגט, אז אויב די אפעראציע וועט געראטען, זאל מען אים לאזען וויסען דורך צוויי מאל א קלונג טאן מיט'ן גלאק ביים הויז, און אויב ניט — אויב ניט, וועט ער סאי ווי סאי קומען אהיים.

די דאקטוירים און די קראנקען־שוועסטער האבען לאנג געארבייט איבער סאניא'ן. די אפעראציע האט געדויערט א היבשע צייט. די קינדער זיינען געשטאנען הינטער דער טיר און האבען זיך צוגעהערט צו יעדען קלאנג. געהערט האבען זיי נאר די שטימע פון דעם כירורג, פראפעסאר סניעגיריאוו, וועלכער האט געגעבען באפעלען צו זיינע ארויסהעלפער. פלוצים האט ער אנגעהויבען צו שעלטען און זידלען מיט די גרעבסטע ווערטער. ער האט געשאלטען עפעס א „פארדאמטען דייטש". די ספעציעלע פאדים, וואס דער דאקטאר האט געברויכט צו פארנעהען סאניא'ס וואונד נאך דער אפעראציע, איז געווען שוואך און האט זיך געריסען אין זיינע הענט. אזוי ווי די פאדים איז געקויפט געווארען ביי א דייטש, וועלכער האט געהאנדעלט מיט כירורגישע מאטעריאלען, האט דער פראפעסאר סניעגיריאוו געשאלטען דעם „פארדאמטען דייטש".

ענדליך האט זיך געעפענט די טיר פון אפעראציע־צימער און פראפעסאר סניעגיריאוו איז ארויסגעקומען א פארשוויצטער און א פארפלאמטער. עמיצער האט ארויפגעווארפען אויף אים א מאנטעל און האט אים אראפגעפירט אויפ'ן אונטערשטען שטאק. דארט האט ער זיך א טויט־מידער אוועקגעזעצט אויף א שטול און מ'האט אים דערלאנגט א פלאש שאמפאניער אויף אונטערצולעהנען זיך דאס הארץ.

די אפעראציע איז געווען ערפאלגרייך.

די אינגסטע טאכטער, אלעקסאנדרא, איז געווען די ערשטע צו לויפען אנזאגען דעם פאטער די בשורה. נאך איר זיינען געקומען נאך צוויי קינדער, וואס זיינען געווען מיט אים אין גוטע באציהונגען. דאס זיינען געווען מאשא און איליא. זיי האבען אים דערזעהן ביים ברעג וואלד.

„געלונגען! געלונגען!" האבען זיי געשריען צו אים.

זיי האבען געוואלט, אז ער זאל געהן מיט זיי צוזאמען צוריק אין הויז אריין, אבער ער איז געווען אזוי אינערליך צעטרייסעלט, אז ער האט זיי געבעטען צו לאזען אים אויף א ווייל'ע אליין אין וואלד ביז ער וועט זיך אביסעל בארוהיגען.

ווען ער איז צוריקגעקומען איז שוין סאניא געהאט ארויס פון כלאראפארם און מ'האט אים אריינגעלאזט צו איר. דער צושטאנד, אין וועלכען ער האט זי געפונען באלד נאך דער אפעראציע, האט געמאכט אויף אים א שוידערליכען איינדרוק.

„גאט מיינער, ס'ארא גרויל! — האט ער געזאגט ארויסגעהענדיג פון איר צימער, — מ'לאזט א מענשען ניט שטארבען רוהיג. ליגט א פרוי מיט אן אויפגעשניטענעם בויך, צוגעבונדען צום בעט, אהן א קישען, און זי קרעכצט פון ווייטאגען מעהר ווי פאר דער אפעראציע. דאס איז נאר עפעס א שטראף".

צוויי טעג נאך דער אפעראציע געפינען מיר שוין אן אנצוהערעניש אין זיין טאגבוך, אז די גוטסקייט און גרויסמוטיגקייט, וואס זי האט ארויסגעוויזען אין אנגעזיכט פון טויט, איז שנעל פארשוואונדען. „ס'איז שרעקליך טרויעריג, — האט ער געשריבען, — איך באדויער זי. אזעלכע גרויסע ליידען דורכגעגאנגען און כמעט אומזיסט!"

נאך זיין ווייב'ס שווערער אפעראציע, וואס איז נויטיג געווען ווייל זי האט געליטען פון א ווייבערשער קראנקהייט, האט דער 78 יעריגער טאלסטאי גערעדט מיט עקעל וועגען צוזאמענלעבען פון מאן און ווייב. ביי זיך אין טאג־בוך האט ער געשריבען:

„וואס קאן דען זיין נידריגער פון געשלעכטליכע באציהונגען. ס'איז גענוג גענוי אפצושילדערן אזעלכע באציהונגען, אז עס זאל ארומכאפען א שרעקליכער עקעל. דעריבער האבען זיך מענשען שטענדיג אנגעהויבען שעמען מיט געשלעכטליכע פארבינדונגען אזוי שנעל ווי זיי זיינען ארויס פון חיה'שען צושטאנד און האבען אנגעהויבען פירען א גייסטיג לעבען".

סאניא האט זיך שנעל ערהאלט פון דער אפעראציע און וואס מער זי האט צוריקגעקראגען אירע כוחות, אלץ שארפער איז געווארען איר געגנערשאפט און איר פאראכטונג צו איר מאנ'ס גלויבען און צו זיינע פירונגען. זי האט זיך אינגאנצען אויפגעהערט צו רעכענען מיט זיינע מיינונגען און זיינע געפיהלען; האט געפירט דאס הויז מיט א ברייטער האנט און ווידער אנגעהויבען אריינברענגען לוקסוסען און פריצישע פירונגען. מיט גרויס פארדרוס האט ער וועגען דעם ביי זיך פארשריבען:

„אונזער ארט לעבען איז ווידעראמאל זעהר עקעלהאפט. זיי לאזען זיך וואוילגעהן, זיי דאקטארען זיך, זיי פארען אהער און אהין, זיי נעמען אנטייל אין דעם און אין יענעם, זיי אמפערען זיך, אינטערעסירען זיך מיט זאכען צו וועלכע זיי האבען קיין שייכות ניט, אבער זיי האבען ניט קיין פארבינדונג מיט'ן לעבען, ווייל זיי האבען ניט קיין פליכטען. ס'איז שוידערליך!!! איך פיהל דאס אלץ מער און מער".

ס'איז קוים אוועק א חודש נאכדעם ווי סאניא האט זיך אנגעהויבען ערהאלען פון איר שווערער קראנקהייט, ווען די טאכטער מאשא איז קראנק געווארען אויף לונגען־ענטצינדונג. דעם 23טען נאוועמבער, 1906, האט טאלסטאי ביי זיך פארצייכענט:

„מאשא פארשאפט מיר גרויסע זארגען. איך האב זי זעהר־און־זעהר שטארק ליב."

די דאזיגע טאכטער, די מיטעלסטע אין עלטער, איז געווען געוואלטיג געטריי און איבערגעגעבען דעם פאטער און האט אין לעבען פראקטיצירט א סך פון די זאכען וואס ער האט געפרעדיגט. זי האט געלעבט איינפאך, זיך געקליידט איינפאך און האט א סך פון איר צייט אוועקגעגעבען צו העלפען ארימע פויערים, דורך געבען שפייז צו הונגעריגע און געהן ארום קראנקע.

אין די טעג נעכט ווען זי איז געמאטערט געווארען פון דער קראנקהייט, איז איר אלטער טאטע געזעסען שעה'ן־לאנג ביי איר בעט, זי געגלעט, געהאלטען איר האנט און זיך באמיהט אויף אלערליי אופנים איר צוצוגעבען מוט.

ווען ער האט געזעהן אז זי ליידט זעהר שטארק, האט ער געוויינט און ווי זיך געבעטען ביי איר: „האב געדולד, מיין קינד."

איינמאל, (דעם 27טען נאוועמבער), ווען ער האט אויף אזא שטייגער גערעדט צו איר און האט געקושט איר האנט, האט זי אוועקגענומען די האנט, זי צוגעדריקט צו איר ברוסט און האט מיט די לעצטע כוחות ארויסגערעדט: „איך שטארב!" מיט איניגע שעה שפעטער איז זי געווען טויט. מאשא (מאריא) איז געשטארבען צו 35 יאר.

שרייבענדיג ביי זיך אין טאג־בוך וועגען דעם טויט פון דער דאזיגער באליבטער טאכטער זיינער, האט טאלסטאי פילאזאפירט אין דעם זינען, אז דאס קערפערליכע לעבען איז ניט וויכטיג און אז דער עיקר איז דאס גייסטיגע לעבען. אין דעם סארט פילאזאפירען האט ער געפונען א געוויסע טרייסט. דער טויט האט שוין מער ניט אנגעווארפען קיין שרעק אויף אים און ער האט זיך מער־וועניגער צוגעוועהנט צו דענקען וועגען שטארבען ווי וועגען א מין אומפארמיידליכע פארטזעצונג פון לעבען, נאר אין גרינטליך געענדערטער פארם. אין אזעלכע מאמענטען האבען אים באזונדערס פארדראסען די פאלשקייטען פון לעבען און די אונעהרליכקייט פון אזוי פיל מענשען. ער האט אויך ניט געקאנט פארטראגען דעם אנ־



שטעל פון טרויער און מיטגעפיהל, וואס מענשען האבען געמאכט ווען אימיצער איז געשטארבען, כאטש אין דער ווירקליכקייט איז די גאנצע זאך זיי גאר ניט אנגעגאנגען. דעם זעלבען טאג האט ער געשריבען:

„אין אזעלכע ערנסטע מאמענטען ווי איצט, ווען עס ליגט נאך דער ניט־באערדיגטער קערפער פון א געליבטער פערזאן, זעהט מען ערשט באזונדערס קלאר די אונמאראלישקייט, די פעלערהאפטיגקייט און די לאסט וואס דאס לעבען פון די רייכע שטעלט מיט זיך פאר. די בעסטע רפואה צו טרויער איז ארבייט, אבער זיי האבען ניט קיין באגעהר צו ארבייטען. זיי ווילען זיך נאר בארימען מיט'ן גלאנץ פון פון זייערע קלוגע ווערטער, אבער סאי דער גלאנץ, סאי די קלוגשאפט זיינען אומנאטירליך און נעמען ניט־ווילענדיג־אן דעם כאראקטער פון פאלשע סענטימענטאלע פלאפלערייען.

איך האב ערשט באקומען איניגע מיטגעפיהל־בריף און טעלעגראמעס, איך האב באגעגענט אין דרויסען די פויערטע קיניא, די אידיאטקע פון דארף. זי האט געקאנט מאשא'ן און איך האב ביי איר געפרעגט:

„דו האסט געהערט פון דעם אומגליק וואס האט אונז געטראפען?"

„איך האב געהערט", — האט זי געענטפערט און האט באלד צוגעגעבען: „גיב מיר א קאפיקע"! וויפיל בעסער און גרינגער דאס איז".

ביי דער לוויה האט דער אלטער טאטע באגלייט די פארשטארבענע טאכטער ביז צום טויער פון גוט. ווען ער האט זיך איינער אליין אומגעקערט אין הויז אריין, האט ער ביי זיך פארצייכענט: „דעם 29טען נאוועמבער. מ'האט ערשט אוועקגעפירט מאשא'ן צום באערדיגען. דאנקען גאט, איך האלט זיך אין פריערדיגען גוטען גייסט. מיט די זיהן איז איצט לייכטער."

מיט א חודש שפעטער, דעם 28טען דעצעמבער, האט ער געשריבען:

„איך לעב און דערמאן זיך אפט אין מאשא'ס לעצטע מינוטען (עס ווילט זיך זי ניט רופען מאשא; דער דאזיגער פראסטער נאמען פאסט גארניט יענעם וועזען, וואס איז אוועק פון מיר). זי זיצט ארומגעלעגט מיט קישענס, איך האלט איר דארע, ליבע האנט און איך פיהל ווי עס געהט אוועק איר לעבען, ווי זי געהט אוועק. דאס פערטעל שעה איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע, באדייטונגספולסטע צייטען פון מיין לעבען".

(ווייטערס מיטוואך)

# קרובים געזוכט

ראזען, לייב, און זיין פרוי ברכה (מיידעלשער נאמען פישבלאט) געקומען פון ווארשע אין 1930, ווערט געזוכט פון יצחק פישבלאט, איצט אין ישראל.

קאלטונאווסקי משפחה, ווערט געזוכט פון ראזע ביטקער, די טאכטער פון אברהם רייזין, וועלכער האט געוואוינט פריהער אין בינע, געפינט זיך איצט אין ניו יארק.

קופער, עליק, א פאטאגראפער, שטאמט פון דניעפראפעטראווסק, דער זוהן פון לייב און איטע, און זיין פרוי מאניא, ווערען געזוכט פון זייער פריינד ישראל כארלאב, פון דניעפראפעטראוסק, איצט אין ניו יארק.

פיעטרושקא, אברהם, און זיינע זיהן גדליה און פנחס, שטאמען פון רייוויץ, לעבען לובלין. ער איז דער זוהן פון עטא. ווערען געזוכט פון חנה רודניצקי, מיידעלשער נאמען געלבראט, די טאכטער פון משה געלבראט און חוה (מיידעלשער נאמען פעטרושקא), איצט אין ניו יארק.

קאהען, בען, שטאמט פון רוסלאנד, געווען אין ישראל מיט 20 יאר צוריק; ווערט געזוכט פון זיין קאזין דוד ווישניעפאלסקי, איצט אין ישראל.

קאץ, בנימין, דער זוהן פון חיה און חיים־משה, אדער דניאל, פון זילקאוו; ווערט געזוכט פון אברהם פעלדמאן, דער זוהן פון שאשקע, פון זאמאשץ, איצט אין פוילען.

שענפעלד, —, ווערט געזוכט פון גאלבערין ד., דער זוהן פון יהושע, פון נאוואגראד־וואלינסק, איצט אין פראנקרייך.

שפאלטער, עטעל (מיידעלשער נאמען), די טאכטער פון יאשקע און ציפע, פון פעליסאוויקא, לעבען וויטקאוו־נאווי; ווערט געזוכט פון קריינטשע ערליך, די טאכטער פון שלום־מאיר, פון וויטקאוו־נאווי, איצט אין ניו יארק.

אדאם בעקערמאן, געבוירען און געלעבט אין ווארשע, געווען א מיטגליד פון דרוקער פאראיין, דזשאלנע 33, זוכט דעם געוועזענעם סעקרעטאר פון דרוקער־פאראיין פון ווארשע, גרינפאס, געווען טעטיג אין דרוקער־פאראיין אין די יארען 1937־1938, געקומען קיין אמעריקע אין 1938.

אשר בעקערמאן, געבוירען אין ווארשע, קאגא, פאטער'ס נאמען אהרון, געבוירען אין לאסק, ביי לאדז, פוילען, געזוכט פון הערשל כאדעס, זוהן פון איר שוועסטער שיינדעל, ניט לאנג אין לאנד. מעלדען אויף דעם אדרעס:

Adam Bekerman, 2223 Genesee St.
H. Chodes, c. o. Hill,

# א לעבען פון טרוימען

**ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע**

●●●

פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

אין איינעם פון יענע טעג איז עלינאר'ן איינגעפאלען א געדאנק, וואס מען האט עס געקענט אנרופען צו־להכעיס'דיג, אדער אפילו בייזוויליג. עס האט זיך איר פארגלוסט צו פארען מיט אייבי'ן דאון טאון, אין דעם געגענט פון „מאונט סאינאי האספיטאל", דארט וואו לארי האט געארבייט. זי איז שוין דארט א פאר מאל אליין געווען, אין יענעם געגענט, אין די שעה'ען וואס זי האט געוואוסט אז ער, לארי, דארף זיין פריי פון זיין ארבייט. זי פלעגט דורכלויפען די גאס, האט זיך אפילו אריינגעכאפט אין א דערבייאיגער קאפעטעריע — אלץ מיט דעם געדאנק, אפשר וועט זי אים דארט באגעגענען.

צוריק פלעגט זי פארען מיט א ביטערען טעם אין מויל. זי האט זיך געשעמט פאר זיך אליין... געוואוסט, אז זי מאכט זיך ביליג. און זי איז געווען צופרידען, וואס זי האט אים ניט באגעגענט. ער וואלט דאך פארשטאנען צוליב וואס זי קומט. און זי וואלט דעמאלט דורכגעלעבט דעם געפיהל פון דערנידעריגען זיך אנטקעגען אים.

איצט איז איר איינגעפאלען, זי וועט אהין פארען צוזאמען מיט אייבי'ן. אייב וועט איר ניט אפזאגען. אז זי רעדט נאר ארויס א ווארט, גייט ער מיט איר אומעדום. לארי וועט איר זעהן אינאיינעם מיט אייבי'ן. זי געדענקט גוט ווי לארי איז איינמאל געווען אייפערזיכטיג אויף אייבי'ן. ער האט שוין געמיינט, אז ער איז אירער א געליבטער. אזוי האט עלינאר אלץ צוגעטראכט איר פלאן. זי וועט אייבי'ן גארניט זאגען צוליב וואס זי וויל מיט אים פארען אהין. עס איז שוין איצט ווארעם אין גאס און זיי וועלען ארומשפאצירען א לאנגע צייט אין יענעם געגענט פון שפיטאל, וואס איז פונקט אנטקעגען סענטראל פארק. זי וועט געוויס דארט לארי'ן דערזעהן.

נאר מיט אזא צערודערטען געמיט, ווי ביי עלינאר'ן איז איצט געווען, האט געקענט זיין, אז זי זאל זיך טרייסטען מיט אזעלכע איינפאלען. און איינמאל אין אן אוונט, אז אייב איז געקומען צוגעהן, האט זי, זעהר א באלעבטע, אים א פרעג געטאן:

— אייב, זאג מיר א טאג, ווען דו וועסט האבען צייט. איך וואלט וועלען דו זאלסט מיט מיר צופארען ערגעץ אין א פלאץ דאון טאון, דו ווילסט?

— ווען? אין אוונט? — האט איר אייב אנגעקוקט אביסעל פארוואונדערט.

— ניין, פארנאכט, אזייגער זעקס, זיבען.

— איך קען מיט דיר געהן, נאר פארוואס עפעס אזוי פרי?

— פרעג ניט, אייב. עס איז א סעקרעט. איך האב א „דעיט" מיט א חברטע, א מיידעל, — האט זי מיט אים א שפאס געטאן.

— אלראיט, — האט געענטפערט אייב. זאל זי זיך טרעפען מיט וועמען זי וויל. אים האט ניט געארט. דערווייל וועט ער זיך מיט איר דורכפארען, זיין מיט איר א פאר שעה צוזאמען.

— און ווען ווילסטו מיר זאלען געהן? — האט אייב געוואלט וויסען.

— לעט מי סי. — ער האט אויסגערעכענט, אז דעם קומענדען מאנטאג וועט ער האבען אביסעל מעהר צייט.

גוט, אין דעם אפגערעדטען טאג האט עלינאר קומענדיג פון סקול באלד גענומען זיך אנטאן און פוצען. זי האט אנגעטאן איר נייע קלייד פון איר באליבטען, גרינעם קאליר, און א היטעלע וואס האט איר גוט געפאסט. דורכ'ן שפיגעל האט זי געזעהן די מינע פון איר פנים, א פארביסענע, א טראציגע. זי האט נאר אויף זיך א מאך געטאן מיט דער האנט. אייב האט שוין אויף איר געווארט ביים סאבוועי־סטעישאן. זיי האבען גענומען די זיבעטע עוועניו סאבוועי און געפארען אין דער ריכטונג פון הארלעם. באלד וועט זי־אים אפשר באגעגענען, לארי'ן. ער וועט ארויסגעהן דורך איינער פון די טירען אין דעם גרויסען האספיטאל. און אז ער וועט איר דערזעהן, וועלען זיי זיך באגריסען? אפשטעלען זיך ריידען? אדער זי וועט זיך מאכען, אז זי באמערקט אים גאר ניט? אייבי'ן איז גוט. ער ווייס פון גאר ניט. ער פארדעכטיגט ניט עלינאר'ן אין קיין זאך.

— דו געדענקסט, עלינאר, מיר זיינען שוין אמאל געפארען צוזאמען דאון טאון — דערמאנט ער זיך ווידער יענע וואונדערליכע מינוטען, ווען ער איז מיט איר אויסגעגאנגען אויף בראדוועי אין א טעאטער. אויך עלינאר געדענקט גוט יענעם אוונט, די סצענע פון אייפערזוכט, וואס עס האט זיך דעמאלט אפגעשפילט צווישען איר און לארי'ן טאקע צוליב אייבי'ן. זייער קריג איז באלד פארגעסען געווארען צווישען אים און איר. זיי האבען זיך נאך דעמאלט ליב געהאט...

— יע, אייב. איך געדענק גוט יענעם אוונט. — האט זי גערעדט א פארטראגענע.

די גאנצע איצטיגע אוואנטורע האט איר געמאכט אויסערסט אויפגעלעבט, מיט א נערוועזע פרעהליכקייט האט זי איצט גערעדט צו אייבי'ן, אז ער זאל גארניט פארשטיין. אייב איז געווען אנטציקט אנקוקענדיג איר, אזוי אויסגעפוצט, אזוי שעהן ווי זי זעהט דאס אוים. ווען ער קען, וואלט ער איר ארומגעכאפט אין זיינע ארעמס און געקושט איר.

— א, עלינאר, דו ביזט אזא... — האט ער ניט געקראגען קיין ווערטער פאר זיין געפיל.

— וואס, אייב. וואס בין איך אזא? — האט זי אויף אים א קוק געגעבען.

— גארניט. דו ביזט אלראיט. — האט ער זיך פארשעמט, און זיי ביידע האבען ניט ווילענדיג זיך צעלאכט. פונדערווייטען האבען זיי אויסגעזעהן ביידע ווי א יונגע פאר־פאלק, אדער גאר ווי פארליבטע. און ארום זיי די מענשען אין סאבוועי האבען, קוקענדיג אויף זיי ביידען, ניט ווילענדיג צוגעשמייכעלט.

עלינאר האט א קוק געטאן אויף איר האנט־זייגערל. איצט... באלד וועט זיין לארי'ס צייט פאר סאפער. זי האט א ציטער געטאן. — „באלד". — זיי זיינען שוין געווען נאענט צו דער הונדערט־און־דריטער גאס. אייב האט די גאנצע צייט ניט געפרעגט וואוהין זיי פארען. אים האט ניט געארט. ער וואלט אזוי געקענט אפפארען מיט איר ביז'ן עק וועלט. ער האט זיך א צאפעל געטאן ווי פון שלאף, ווען עלינאר האט זיך אפגערופען:

— מיר וועלען באלד דארפען אויסשטייגען, אויף דעם נעקסטען סטעישאן.

— דו דארפסט איר דא באגעגענען? — האט איר אייב א פרעג געטאן, דערמאנענדיג זיך אן דער מיידעל פון וועלכער עלינאר האט פריער גערעדט.

— קום. — האט זי איהם געזאגט ווען די באן האט זיך אפגעשטעלט. זיי זיינען פון סאבוועי ארויס אין גאס, זיך געלאזען געהן אין דער ריכטונג פון „סענטראל פארק", ניט ווייט פון האספיטאל. זיי זיינען פארבייגעגאנגען א קאפעטעריע. ס'איז געווען דער זעלבער פלאץ, וואו עלינאר און לארי האבען זיך אמאל באגעגענט און געגעסען דא סאפער. איצט וועט זי אהין אריין מיט אייבי'ן ביי איר זייט...

— קום, מיר וועלען עפעס איבערבייסען, — האט זי געזאגט און אייבי איז איר נאכגעגאנגען.

אינוויינינג אין דער קאפעטעריע איז געווען דער געוויינליכער רעש פון די באזוכער. זיי האבען זיך געזעצט ביי א טישעל. אייב האט זיך צו איר צוגעבויגען:

— וואס ווילסטו איך זאל באשטעלען פאר דיר צום עסען?

(ווייטערס מארגען)

# זייער צווייטער פרילינג

**ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען**

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראזע שושנה

(פארזעצונג)

## ער מוז זיך פרעהען מיט יענעמ'ס קינד

סעם איז געבליבען שטעהן צוגעשמידט צום ארט. מיט די אויגען אראפגעלאזען צו דער ערד האט ער נאך אויסגעזעהן מעהר הילפלאז, אזוי ווי א פארשעמטע יונגע מיידעל.

ער האט אויפגעהויבען די בליקען זיינע צו דאינע'ן אזוי ווי ער וואלט וועלען בעטען, אז זי זאל אים מוחל זיין, וואס ער מוז אנטלויפען, וואס ער געהט איצט אוועק פון דאנען.

דאינע'ס פנים האט אויסגעדריקט שרעקליכע ליידען.

דזשייקאב לעסקי איז צוגעגאנגען צו סעמ'ען, געוואונשען אים מזל־טוב און צוקושט זיך מיט אים און געזאגט צו אים שטילערהייט:

— איידעם מיינער, פון היינט־אן ביסטו א שותף אין מיינע ביזנעס. קום צוגעהן אין אפיס. מיט דיין ענגליש וועלען מיר זיך שוין אן עצה געבען. דו רעדסט נישט פיל ערגער פון א סך, וועלכע זיינען שוין דא 20 יאר. דו ביסט איצט א פאטער פון א קינד, און מען דארף אנהויבען טראכטען וועגען א תכלית...

— זעה נאר די ליבע, זעה נאר, זעה — האט בעקי אנגעהויבען טייטלען צו די מענער מיט איר פינגער — מען פלאנעוועט שוין עפעס צוזאמען.

דזשייקאב האט ווי א ציטעריג קינד איבערגעריסען דאס געשפרעך מיט סעמ'ען. ער האט געציטערט פאר זיין אידענע ווי פאר פייער.

די מומעס האבען גערעדט הויך, אלע אינאיינעם. עס האט אויסגעזעהן אזוי ווי אויף א יאריד.

סעם האט געזעהן אז אויך דאינע'ן קאסט עס א סך געזונט דאס, וואס זיי זיינען זיך דא איצט צוזאמענגעקומען די אלע מומעס, פאר וועלכע זי איז אזש פון ברוקלין אנטלאפען אהער אין „וויומענס האספיטאל". זי האט געמיינט, אז דא אהער אויף אמסטערדאם עוועניו, אזוי ווייט ארויף „אפטאון", וועט די משפחה נישט קומען און נישט גריבלען־זיך אין איר לעבען.

אבער מומעס דערפיהלען שוין, ווען עפעס איז נישט גלאטיג. מען רעדט, כאטש מען ווייסט אליין נישט וואס מען רעדט.

די אלע מומעס זיינען דאך אויך געווען אין כעס פארוואס זייער שעהנע „ניעס" האט חתונה געהאט מיט אן ארימען „רעפיודזשי". אויך זיי האט ניט געפאסט דער שידוך.

זיי האבען זיך געקליבען צו טאנצען, צו קענען ווייזען די נייע קליידער און די נייע דימענטען צו דאינעלע'ס חתונה. צום סוף האט זי זיי גאר אפגעטאן אויף טערקיש, חתונה געהאט אין דער שטיל... דא איז א ניט כשר'ע געשיכטע... האבען זיי געשטאכען דעם ארימען „רעפיודזשי" נישט בלויז מיט ווערטער, נאר אויך מיט די בליקען.

מען האט זיך איבערגעקוקט, געחוזק'ט פון אים. די מומעס האבען געלאכט פון זיין ענגליש, כאטש זיי אליין האבען נאך זעהר א סך געפעלט צו קענען ריידען ענגליש. ווענען לייענען און שרייבען איז שוין קיין רייד נישט געווען. דא האט שוין סעם, דער „רעפיודזשי" געקאנט זיך מיט זיי פארהערען, אבער זיי האבען געטראגען מינק־קאוטס, זיי זיינען נישט קיין גרינהארנס, אמעריקא איז זייערס.

האט סעם געמוזט אויסשטעהן געברענטע צרות און שווייגען, שווייגען און נאך אמאל שווייגען.

פון זיין פייך האט אים אויסגעלעזט די נויריס, וועלכע האט זיי געטריבען זעהן די בעיבי.

האבען זיך אלע מומעס, שוואר און שוויגער, א לאז געטאן זעהן די בעיבי. ער, סעם, איז אויך געגאנגען. ער מוז דאך שפילען די ראלע פון א טאטען.

האבען זיך אלע אויסגעשטעלט ביי דער שעטקע (נעץ), דורך וועלכער א נויריס האט זיי געוויזען דאס ברעקעלע קינד.

דאס איז געווען אזא פיצינקע רויט באשעפעניש, מיט פיצינקע הענטעלער, צוזאמענגעדריקט אין פויסטעלער, אזוי ווי עס וואלט שוין פראטעסטירט געגען דעם אומרעכט, וואס מען באגעהט מיט אים. געגען די ליגענס און פאלשקייטען, וואס זיינען דא געבוירען געווארען צוזאמען מיט אים.

א מאדנער ציטער האט סעמ'ען ארומגענומען און דורך דער שעטקע, וואס האט אויסגעזעהן ווי א מאסקיטען־נעץ, האט סעם געקוקט אויף דעם ווייבעלע, פיצינקען באשעפעניש. ער האט געקוקט, ווי דאס קליינע, נאך ניט־פארמירטע, ווייכע קנוילכעל, מיט די קליינע ברעקעלעך הענטעלער, וועלכע האבען זיך פלוצלונג אנגעהויבען צו רירען, האבען עפעס געמאכט באוועגונגען, אזוי ווי זיי וואלטען וועלען עפעס אפשטופען פון זיך און באלד צוריק צוגעצויגען צו זיך. ווי די קליינע הענטעלעך וואלטען וועלען דערציילען, צי זאלען זיי צונעמען, אדער אפווארפען דאס געשאנק, וואס רופט זיך: לעבען.

סעם האט נישט געקאנט אפרייסען זיין בליק פון דעם אומשולדיגען עופה'לע.

עס איז דאך יענעמ'ס קינד, יענעמס, צוליב וועמען דאינע פארגיסט טרערען.

ער איז געשטאנען און געטראכט וועגען דעם געלעכטער, וואס ער האט מיט צוויי טעג פריהער געהערט אין דאינע'ס צימער — די מענער־שטימע. איז דאס ניט געווען איר געליבטער?... ווען דאס וואלט געווען דער פאטער פון קינד, וואלט ער דאך איצט דא געווען...

זיין ארימער מוח האט זיך געבראכען פון קלערען, אבער ער האט גאר ניט פארשטאנען, וואס דא טוט זיך. ווער איז דער פאטער פון קינד, און ווער איז ער, וואס איז געווען ביי דאינע'ן אין צימער?

ווידער איז זיין בליק געפאלען אויף'ן קינד.

וואס איז דאס אינגעלע שולדיג? א רחמנות האט דאס סעמ'ען ארומגענומען צו דעם קליינעם עופה'לע. ער האט געהאט א באדערפעניש עס צודריקען צו זיין צעוועהטאגדיגער ברוסט, דאס ריינע, אומשולדיגע באשעפענישעל, דאינע'ס קינד, איר בלוט און פלייש, צודריקען עס צו זיין הארץ און אויסוויינען זיין שווער געמיט...

עס האט זיך אים געוואלט פארענטפערען פאר'ן קינד, דערפאר, וואס ער שפילט די ראלע פון זיין פאטער.

ער האט געקוקט אויף די צוגעדריקטע אויגעלעך, אויף דעם געפאלדערטען רויטען פניט'על און געמורמעלט שטיל, אזוי ווי ער וואלט געבעטען מחילה:

— זיי מיר מוחל, קינדעלע, זיי מיר מוחל.

ער האט גערעדט צום קינד, אזוי ווי ער וואלט זיך וועלען פארענטפערען פאר אים, אזוי ווי ער וואלט זיך געפיהלט שולדיג געגען דעם ניי־געבוירענעם ברעקעלע קינד.

— דיך וואלט געווען ערגער קינדעלע, ווען דו וואלסט געבוירען אלס א ממזר... א סך ערגער... מען וואלט דיך פאראכטעט, דיין מאמע וואלט געהאט שאנדע און דיין באבע און זיידע וואלטען געהאט גרויסע חרפות און בושות. עס איז בעסער, קינדעלע, צו האבען א פרעמדען טאטען, איידער צו זיין א ממזר.

די נויריס האט צוגענומען דאס קינד און זיינע גערונקען זיינען איבערגעריסען געווארען דורך די פאלשע ווינשעוואניעס, וואס די מומעס האבען אים געוואונשען.

ער האט ניט געקאנט מער אויסהאלטען דאס ווינשען אים „מזל־טוב" פון די נויריסעס, דאקטוירים, און איר משפחה און פון אלעמען וואס האבען אים נאר באגעגענט. ס'האט אים געשטאכען ווי מיט מעסערס.

אירע א מומע, האט אפילו געשמאטשקעט מיט די ליפען און געזאגט:

— מנא... מנא!... דער טאטע אויסען אויג, אזוי ווי צוויי טראפען וואסער, אינגאנצען דער טאטע... זיינע אויגען, זיין נאז... אינגאנצען ווי דער טאטע.

דאס איז שוין געווען צופיל פאר דעם ארימען סעמ'ען. ער האט דאס שוין מער ניט געקאנט צוהערען. אים האט זיך געוואלט אויסשרייען:

— א ליגען, א ליגען! עס איז ניט מיין קינד. זאגט ניט קיין ליגענס! וואס האט איר צו דעם ארימען קינד? וואס וועלט איר פון אונז ביידען? פאר וואס ווילט איר, אז ער זאל אויסזעהן ווי איך, דער שלימזל? ער איז דאך אן אמעריקאנער קינד, און אן אמעריקאנער איז נישט קיין שלימזל. נאר „רעפיודזשים" זיינען שלימזלס! וואס האט איר צום אומשולדיגען קינד? וואס ווילט איר פון דאינע'ס קינד?

ער האט מער ניט געקאנט פארטראגען זייערע רייד, זיין מוח האט נישט אויסגעהאלטען. ער האט געפיהלט, ער הערט אויף זיך אליין צו באהערשען, און איז גיך ארויסגעלאפען פון צימער.

ער האט נאך געהערט ווי זיין „שוויגער" שרייט אים נאך: וואוהין לויפסטו, שלימזל? !

אים האט דער שלימזל כסדר נאכגעכנעיאגט. ער איז געלאפען, אים האט שוין גארניט געארט, וואס מען זאגט, אבי גיכער, וואס גיכער אנטלויפען פון דאנען, פון דער נעסט פון שווינדעל, גראבקייט און ליגענס.

(ווייטערס — מארגען)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— א, עניטינג. קאפי און נאך עפעס.
— האט ער ארויסגערעדט א פארטרא־גענע. זי האט כסדר געקוקט אויפ'ן טיר. באלד ווען פון דארט לארי אריינ־קומען, ווי וועט זי האנדלען? וואס וועט זי אים זאגען אויב ער וועט צו־געהן צו איר? איר איז איינגעפאלען, אז לארי וועט אריינקומען ניט אליין, נאר מיט א יונגער מיידעל, מיט איינע פון די נורסעס אין שפיטאל. אזוי ראַ־יעל האט זי זיך דאס פארגעשטעלט. זי האט דערפיהלט א שטאך פון איפערזוכט צו יענער אויסגעטראכ־טער מיידעל. אירע אויגען האבען אלץ געקוקט צום טיר. קיין איין ניי־אריינ־געקומענע מענשען האט זי ניט דורכגעלאזען.

אייב האט שוין אויך אנגעהויבען קוקען צום טיר, ניט וויסענדיג גאר־ניט.

— דו האסט געזאגט דו דארפסט דא איינעם באגעגנען, — האט ער איר געזאגט.

— יע, א פריינדין מיינע... — זי איז רויט געווארען, זי האט ניט געקענט פאר אייב'ן זאגען קיין ליגען.

— זי איז שוין, ווייזט אויס, ניט קומען, — האט געזאגט אייב.

— מיר קענען געהן אז דו ווילסט, — האט זיך אפגערופען עלינאר.

— ניין, מיר ארט ניט. מיר קענען נאך דא א ווייל זיצען.

— קום, — האט זיך עלינאר אויפ־געהויבען. — דא ניט ווייט איז דער סענטראל פארק. מיר וועלען זיך אבי־סעל ארומשפאצירען. — זי איז שוין אליין אויך געווארען אומגעדולדיג.

אייב האט באצאלט דעם וועיטער און זיי האבען זיך ארויסגעלאזען אין גאס. געשפאצירט אויף דער זייט גאס פון סענטראל פארק הין־און־צוריק א לאנגע ווייל. אנטקעגען האט זיך גע־זעהן די מאסיווע געביידע פון האספי־טאל.

— דו ווייסט וואו מיר זיינען איצט, אייב? — האט עלינאר פלוצלינג א זאג געטאן.

— פארוואס זאל איך ניט וויסען? אט איז דאך אנטקעגען דער „מאונט סאינע האספיטאל".

— לארי ארבייט דארט. — האט אים עלינאר געזאגט. — און זי האט ביטער א לאך געטאן.

— אה, אזוי?... איך האב ניט גע־וואוסט.

האט ער זיך אנגעשטויסען, אייב, וואס עלינאר האט געהאט אין זינען מיט איר קומען אהער? ער האט מיט אמאל זיך דערפיהלט ווי פון הימעל אראפגעפאלען. אין דער מינוט האט זיך אים געגלוסט צו געבען א געשריי ארויס:

— „איז צוליב דעם האסטו מיך גע־פירט אהער?"

נאר ער איז געווען צופיל אין כעס צו ריידען. אים האט פארדראסען אויף זיך אליין, פארוואס האט ער זיך דאס ביז איצט ניט געכאפט? צי ווייסט זי כאטש וואס זי האט אויפגעטאן, ווי זי האט אים געמאכט ליידען? יא, אט דאס איז זי, די עלינאר. זי ווייס אפילו ניט ווי זי קען טאן שאדען...

עלינאר'ן אליין איז געווען אזוי בי־טער אויפ'ן הארצען, אז זי האט ניט געקענט איצט האבען אין זינען אייב'ן. איר פלאן האט זיך ניט איינגע־געבען. זי האט לארי'ן ניט געזעהן. צוליב וואס האט זי געדארפט די גאנ־צע אוואנטיורע? זי האט נאר אומ־זיסט זיך נאריש געמאכט און אזוי זיך אויפגערעגט אויף דאס ניי...

פארענדיג צוריק מיט דער סאבוועי אהיים האבען עלינאר און אייב ביידע געשוויגען שטיל. אייב האט געהאל־טען דעם קאפ נידעריג אראפגעלאזען. ער איז געווען ביטער, צעוערגערט און אנטוישט. יע, זי האט אים נאך ליב, לארי'ן, דאס קען מען זעהן קלאר. און ער האט שוין געמיינט...

וועט דאס זיין אן אנלערנונג פאר אים, אייבי'ן, אז ער זאל ניט זיין פארנארט, און זיך ניט איינריידען זאכען? מסתמא ניט. אז מען האט ליב אזוי ווי אייב, קען מען א סך זא־כען פארגעסען, פארגעבען.

—דו ביסט אין כעס אויף מיר, אייב? — האט עלינאר ניט דרייסט אים א פרעג געטאן.

—איך ווייס ניט... ניין, איך בין ניט אין כעס. — האט ער אפגעהאקט איר געענטפערט.

## דריי־און־דרייסיגסטער קאפיטעל

ווער קען וויסען די נאטור פון א פרוי, אירע שטימונגען און אירע קאפ־ריזען? פאר אייבי'ן איז עלינאר נאך אלץ געווען א פראבלעם, א מיס־טעריע. געווען זיינען אווענטען, ווען ער איז געקומען צו איר אהיים, האט ער איר געטראפען זעהר באלעבט און גוט אויפגעלעגט. זי האט ניט אויפגע־הערט צו ריידען און צו שפאסען מיט אים. זי האט אים דערציילט פון סקול, פון די קינדער דארט. זי האט ביי אים געפרעגט פראגעס וועגען אים אליין. פשוט, זי האט אים ניט אפגעלאזען. און ער, אייבי, האט זיך געפילט גליק־ליך, און ער איז אויך אריין אין איר פרייליכען טאן.

אן אנדערשמאל, ווידער, אז ער איז געקומען, האט ער איר געטראפען מאדנע שטיל. און ער האט ניט גע־קענט ארויסקריגען פון איר קיין ווארט. זי איז געווען ווי פארשלאסען אין זיך. ס'איז געווען ווי מיט געוויסע בלומען, וואס פארמאכען זייערע בלע־טעלעך פאר דעם אווענט, ווען די זון געהט אונטער.

אין אזא אווענט האט ער איר גע־טראפען ווי זי זיצט אין א ווינקעל פון דיוואן אין ליווינג־רום, איינגעוויקעלט אין איר מאמע'ס אן אלטען סוועטער, און מיט די פיס אונטער זיך. פאראור־מערט און פארבענקט. דאס פנים אפ־געצערט און די טונקעלע אויגען הא־בען געקוקט ערגעץ ווייט איבער די ווענט. זי האט קוים געהערט, וואס מען רעדט צו איר. און אייב האט דער־מאלט ניט געוואוסט וואס צו טאן. עס האט פאסירט ווען ער האט א גאנצע וואך איר ניט געקענט זעהן, און ער איז דערנאך אהן אן אטעם אריינגע־פאלען צו איר אין שטוב נייגעריג צו וויסען וועגען איר:

— נו, עלינאר, וואס מאכסטו, ווי פילסטו היינט?

— איך בין אלרייט, אייב. און דו? — האט זי אים געפרעגט מיט א געמאכטען אינטערעס.

אייב האט זיך אוועקגעזעצט און אויך געשוויגען שטיל. אז ער האט איר אנגעקוקט האט זיך אים געדוכט אז זי האט פארלוירען וואג. אונטער אירע אויגען האט ער באמערקט טונקעלע שאטענס. — „זי האט מסתמא גע־וויינט" — האט ער א קלער געטאן ביי זיך און עס האט אים פארדריקט דאס הארץ. ער האט געפרואווט אנ־הויבען ריידען:

— איך האב אפגערופען דיר די וואך, אז איך וועל ניט קענען זיין.

— יא, איך ווייס. די מאמע האט געענטפערט דעם טעלעפאן.

אייב האט ביי זיך געטראכט: ווען ער האט דעם כוח איך פאנאנדערצור־ווקען. מאכען איר צוריק פרעהליך און אויפגעלעבט ווי געווען. „זי בענקט נאך לארי'ן" — איז אים איינ־געפאלען — זי האט אים נאך ליב". — און דעמאלט האט אים דאס הארץ געגעסען פון אייפערזוכט. ווען ער, לארי, וואלט דא איצט געווען מיט איר אין שטוב, וואלט זי ניט געזעסען אזוי פאראומערט. און ער, אייב, האט דעמאלט געפיהלט ביי זיך זעהר גע־פאלען.

אט דער אייב, וואס מיט זיינע קא־לעגען־סטודענטען איז ער גאר ניט געווען אזוי שעמעוודיג, און אין א שמועס מיט זיי וועגען די סאמע טיפ־סטע טעאריעס אין „סאיענס" האט ער געקענט ריידען מיט ווארימקייט, מיט איבערצייגונג, איז געווען אומבאהאלפ־פען אנטקעגען עלינאר'ן אין אזא מר־נוט פון מרה־שחורה.

— נו, איך וועל שוין געהן א היים, — האט ער זיך אויפגעהויבען פון ארט נאך א פיינליכען שטיל־שוויי־גען.

— וואס איילסטו זיך אזוי, אייב? — האט עלינאר געפרואווט אים אויפמונטערען.

— איך וועל קומען אן אנדערש מאל. איך האב נאך היינט א סך אר־בייט צו טאן.

— קום צוגעהן, אייב, אז דו וועסט נאר האבען מער צייט.

דאך האט עלינאר אליין געוואלט, אז אייב זאל איר קענען זעהן וואס אפטער. אז ער האט עטליכע טעג נאכאנאנד זיך ניט געוויזען פאר איר, האט זי שוין אפילו נאך אים געבענקט. אדער זי האט אפשר מורא געהאט אז אייב זאל ניט ווערען אויף איר ברוגז?... איינמאל איז זי שוין אפילו געקומען אין סטאר פון זיינע עלטערן, געפרעגט זיך ביי זיין מאמע'ן אויף אים. כלומרשט וועגען א בוך, וואס אייב האט ביי איר געגומען און זי דארף עס איצט נויטיג האבען.

(ווייטערס — מארגען)

---

# דער קריזיס אין דער אמעריקאנער ציוניסטישער ארגאניזאציע

(שלוס פון פעירוש 2)

וואס זאל פארכאפען די מאסען ווי די אלטע מטא מטא האט געהאט.

שאפען א חיים פאר א היימלאז, געפלאגט פאלק אפעלירט צו יעדער אי־דיש הארץ. עס איז א נויטווענדיגקייט וואס יעדער קינד קען עס באגרייפען און פילען. אבער ווען עס קומט צו אזא אבסטראקטען ענין ווי אן אומזעהבאַ־רע קולטורעלע בריק — דאס איז שוין א זאך וואס קען אפעלירען צו איינ־צעלנע אויסדערוויילטע. דאס דארף מען שוין באגרייפען מיט'ן שכל און ניט מיט'ן הארץ. בכלל איז קולטור ניט קיין מאסען ארטיקעל. אזוי ארום איז פארשטענדליך, אז די נייע ציון אידעאלאגיע וועט קיין גרויסע באווע־גונג ניט זיין אימשטאנד צו שאפען.

דערצו זעהען איצט די פירער איין, אז די באוועגונג וועט דארפען בא־צאלען פאר די זינד וואס זי איז גע־גאנגען די אלע יארען, נעמליך: אנ־הויבען אן ערציהערישע פראגראם וואס איז אזוי לאנג פארנאכלעסיגט געווארען.

מען קען דאריך ניט באשולדיגען די ציון פירער פון די לעצטע צען יאר. זיי האבען געמאכט אלע פארזוכען אין אנשטרענגונגען צו ערציען די מיט־גלידערשאפט אין געשיכטע פון פאלק, פון ציוניזם, פון תנ"ך און פון די לוי־פענדע געשעהעניש. עס האט אבער געברויכט שוואכע רעזולטאטען. צוליב א טאפעלטער אורזאכע. ערשטענס, איז קולטור, ווי געזאגט פריער, ניט קיין ארטיקעל וואס אפעלירט צו ברייטע מאסען. צווייטענס, איז די מיטגלידער־שאפט פארנאכלעסיגט געווארען אין פארלויף פון פילע יארען.

די וועלכע זיינען באקאנט פון דער נאהענט מיט דער ציוניסטישער באַ־וועגונג אין אמעריקע ווייסען, אז אין פארלויף פון פילע יארען איז א מעמ־בער געווען יעדער איינער וואס האט איינגעצאלט „דיוס". פאר די „דיוס" פלעגט ער באקומען א שקל, א פע־ריאדישע אויסגאבע אין ענגליש אדער אידיש און א סך ליטעראטור וואס האט דערציילט פון די נויטען פון אי־דישען נאציאנאל פאנד, קרן היסוד, א. א. וו. מען האט אימער געבעטען געלט. דער מעמבער איז געווען א גע־בער. גיב, גיב, גיב! ער אליין האט אבער גארניט באקומען „צוריקגע־צאלט".

דער מעמבער האט זיך געפילט איינזאם, פארלאזען, פארגעסען. ער האט געהאט זיין שקל, וואס האט אים טעארעטיש געגעבען די רעכט צו שטי־מען פאר דעלעגאטען צום קאנגרעס, אבער זעלטען איז מען פלעגט אים געבען די מעגליכקייט צו ערפילען די דאזיגע פליכט. די פירערשאפט פלעגט אליין באשליסען אלץ, מאכען „סלעיטס" פון קאנדידאטען, שיקען וועמען זי האט געוואלט. אלץ פלעגט ווערען אפ־געטאן אין די „אויבערשטע פענסטער" פון דער פירערשאפט.

מען האט פארנאכלעסיגט דעם מעמבער, ווייל מען האט אים ניט גע־נוג אויפגעקלערט, ניט געגעבען צו פארשטעהן דעם מהות, דעם צוועק פון זיין ארבייט. אלץ פלעגט מאכען „קאנ־וועגשאנס", וואו אלץ איז געווען גע־פלאנעוועט פון פאראויס, די רעזאָלו־ציעס, די נייע בעאמטע, אפיסערס און וויס־פרעזידענטען. א מעמבער, איי־נער פון פאלק, האט ניט געהאט קיין מעגליכקייט זיך ארויסצוזאגען, אנ־טייל נעמען אין די פארהאנדלונגען, דעבאטירען, דיסקוסירען אדער באַ־שטימען זיין קאנדידאט.

און אין פארלויף פון די אלע יארען, נאר אזוי פיל געבען, האט אן אלגע־מיינער ציוניסט ניט געקענט אנוויזען אויף א באשטימטער דערגרייכונג אין ארץ ישראל און זאגען מיט שטאלץ: „דאס איז מיינס! דאס האב איך גע־האלפען בויען".

„הדסה" איז געווען קליגער. „הדסה" האט אימער געארבייט אויף פראיעק־טען. א „הדסה" מעמבער קען מיט שטאלץ אנווייזען אויף „כפר שפיה", וואו מען ערציט קינדער פון דער יו־גענט עליה און זאגען: „דאס האב איך ערמעגליכט". זי קען אנווייזען אויף „בן־שמן", אויף די שפיטעלער אין צפת, חיפה, תל אביב און אויף דעם גרויסען מעדיקאל צענטער אויפ'ן הר־הצופים אין ירושלים און זאגען: „דאס האב איך געבויט".

„הדסה" מיטגלידערינס, וועלכע קו־מען פון ישראל דערציילען פון די אלע פאזיטיווע אויפטואונגען. מען ווייזט עס אין מאוויס, מען לעזט דערפון אין די צייטונגען, מען הערט עס אויף דער ראדיא. און די „הדסה" פרוי פילט און ווייסט, אז זי האט עפעס דער־גרייכט מיט איר ארבייט, עפעס קאנ־קרעטעס און גוטעס.

די אלגעמיינע ציוניסטען האבען אבער קיינמאל ניט אונטערגענו־מען קיין קאנקרעטע אייגענע פרא־יעקטען, כאטש זיי האבען באשטייערט דעם גרעסטען טייל פון אלץ וואס איז געבויט געווארען אין ישראל. מיט זייער געלט האט מען געבויט שאַ־סייען, געטריקענט זומפען, געגרינדעט דערפער און קיבוצים, געשאפען גע־ווער פאר דער „הגנה" און שיפען פאר די אימיגראנטען.

אבער וואס זעהט אן אלגעמיינער ציוניסט, ווען ער קומט אויף א באזוך אין ישראל?

ער געפינט א בליהענדע געגענט, וואו עס איז אמאל געווען א זומפ, אבער דארט געפינט זיך היינט א קיבוץ פון „השומר הצעיר". ער זעהט א שאפעי געבויט פון „סולל־בונה" פון דער „הסתדרות", ער געפינט א שפיטאל פון „קופת חולים", א דארף פון מפא"י, א. א. וו.

אמת, דאס אלץ איז טאקע ערמעג־ליכט געווארען א דאנק אים, דעם אל־געמיינעם ציוניסט, אבער ער פילט ניט אז ער קען זיין שטאלץ דערמיט ווי מיט זיין אייגענעם אויפטו.

און דער סך הכל איז, אז כאטש דער אלגעמיינער ציוניסט איז געווען דער גרעסטער ביישטייערער — האט ער ניט אויף וואס ארויפצוליגען דעם פינגער און אויסרופען מיט שטאלץ: „זעהט וואס איך האב אויפגעטאן!"

ער האט אלע יארען באשטייערט אהן אן אויפהער ניט מיר ווערענדיג. זיין ווייטערדיגע טעטיגקייט איז גע־ווען צו גיין יעדען יאר קאלעקטען אל־טע „דיוס" און שאפען נייע מעמבערס, וועלכע וועלען איבעראיאר ווידער דארפען באנייט ווערען מיט א „סעילס טאלק". ער האט ביסלעכווייז געמומען דערפילען א מידקייט פון דער דאזי־גער צוועקלאזיגקייט פון זיין ניט פרודוקטיווער ארבייט. ער האט, ווי געזאגט, ניט באקומען גארניט „אין ריטורן".

און דערפאר איז אוצט געקומען דער קריזיס אין דער פארטיי. דער דאזיגער קריזיס פילט זיך ניט אין די „הדסה" קריזען. דארט פילט זיך נאך אלץ דער אלטער אימפעט פון אויפטו, ווארים כאטש איין טייל פון איר פרא־גראם האט זיך פארווירקליכט, איז אבער דער צווייטער טייל נאך אלץ דרינגענד און אקטועל.

דערביי מוז מען צוגעבען, אז „הדסה" האט אויך פארשטאנען די וויכטיגקייט פון אן ערציערישער אר־בייט אין אירע רייען. די „הדסה" שטודיום גרופעס זיינען געווען מער ערפאלגרייך ווי די פון די מענער ציו־ניסטען. עס איז טיילווייז דערפאר וואס די „הדסה" פירערשאפט האט מיט חכמה איינגעזען, אז די ערציאונג, די אויפקלערונגס ארבייט פון אירע מיטגלידערינס וועט זיך גוט אפצאלען, און אזוי איז טאקע געשען.

און דער סך הכל איז, אז ווערענד די „הדסה" האט היינט צו טאג גוטע אויסזיכטען פאר ווייטערדיגער עק־זיסטענץ און שעפערישע ארבייט, טריקענט איין די „זי־א־עי" (זאיאניסט ארגאניזעישאן או אמעריקא) און נעמט שטילערהייט איינשרומפען. און אויב דער דאזיגער פראצעס זאל אזוי אנהאלטען, וועט אין וואסערע פינף יאר צייט פארבלייבען פון דער מעכטיגער „זי־א־עי" א קליינער קבוץ וואס וועט באשטעהן פון די העברייער פון דעם לאנד און די יעניגע אויס־דערוויילטע וואס וועלען בלייבען טריי צו די אלטע טראדיציעס און פאר וועמען די העבראאישע קולטור איז א נויטווענדיגקייט.

די מאסען וועלען אבער פעלען.

---

# מאקס געביל דערציילט

(שלוס פון פעירוש 2)

אינהאלט פון דער פיעסע און איר קענט שוין מער אדער ווייניגער דעם כאראק־טער פון „לייזער פילאזאף", וועט איר גיכער פארשטעהן וואס איך געה דא ווייטער דערציילען.

זינט יענעם אווענט, ווען איך האב צוגעזאגט שילדקרויט'ן, אז איך ער־לויב אים צו שפילען די פיעסע, און געשלאסען געווארען צווישען אונז א נאהענטע פריינדשאפט. מיר פלעגען זיך זינט דעמאלט טרעפען אין קאפע־הויז. און ווען ער האט אנגעהויבען צו מאכען פראבען אויף מיין פיעסע, האט ער מיך כסדר גערופען צוצוקומען צו די פראבען.

עטליכע מאל האב איך אלץ געוואלט געהן, אבער עס האט זיך אזוי געמאכט אז איך בין ניט געגאנגען; ביז איינ־מאל האב איך זיך פארט אריינגע־כאפט צו דער פראבע.

שילדקרויט האט זיך מיט מיר זעהר הארציג באגריסט, און נאכדעם ווי ער האט אפגעמאכט אן אקט פראבע, האט ער זיך צו מיר געווענדעט לאכענדיג:

— נו, ווי מיינט איר, וועל איך זיין אלרייט אין דער ראלע?

— ביי מיר איז נישטא קיין צוויי־פעל, אז איר וועט זיין גוט אין דער ראל, מר. שילדקרויט—האב איך אים געענטפערט.

— איך זעהט דאך אבער אז איך שפיל נישט דעם אלטען לייזער ווי איר האט אים געשפילט — האט מיר שילד־קרויט באמערקט.

— אט וועגען דעם וויל איך אייך טאקע עפעס זאגען — האב איך גע־ענטפערט שילדקרויט'ן — איך האב דעם כאראקטער נישט געשריבען פאר אזא ווי איר שטעלט אים פאר. ביי מיר איז לייזער א צעדולטער, א קריי־בענדער, א בוך־ווארעם. אט אשטייגער איז דא ביי מיר א זאץ, ווי די פרוי ווארפט אים פאר: נו, ריר זיך שוין אביסעל שנעלער!" איר, מר. שילד־קרויט, שילדערט לייזער'ן ווי איין שטיק נערוו, א שנעלען, א רוח.

— ריכטיג — האט שילדקרויט מיר געענטפערט — איך שפיל די זעלבע ראל, אבער איך וויל זיין צעדרייטקייט שילדערען נישט דרויסען, נאר אינ־ווענדיג, און ווי א נערוועזער דארף ער זיך שנעל באוועגען, נישט אזוי לאנג־זאם ווי איר שפילט אים. אויסער־דעם זיינען לאנגזאמע ראלען נעגעט מיין כאראקטער, נעגעט מיין פערזענ־ליכען איך; און א שוישפילער דארף ניט שפילען קיין מענשען, וועלכע זיי־נען נעגעט זיין אייגענעם איך.

— מר. שילדקרויט — האב איך זיך אנגערופען — איך בין זיכער, אז ווי אזוי איר וועט שפילען מיין לייזער דעם צעדולטען, וועט עס ארויסקומען א קינסטלערישע שאפונג.

צו דער פרעמיערע פון מיין פיעסע אין פיפעל'ס טעאטער האב איך נישט געקענט זיין, אבער איך בין געקומען אין פיפעל'ס טעאטער ביי שפעטער־דיגע פארשטעלונגען פון „פארקויפטע נשמות". יעדעס מאל פלעגט מיך שילדקרויט ארויספירען אויף דער בינע. דערנאך, ווען ער פלעגט ארויסגעהן זיך פארנייגען, פלעגט ער מיך ווידער ארויספירען אויף דער בינע.

מיר זיינען געווארען נאך נאהענ־טער. שילדקרויט פלעגט מיך פארבע־טען צו זיך אין הויז. „מאמא", ווי ער פלעגט רופען זיין פרוי, פלעגט צו־גרייטען דינערס פאר אונז און מיר פלעגען זעהר גוט פארברענגען אין שמועסען וועגען טעאטער. ער איז געווען שטאלץ אויף זיין גוואלדיג־גרויסער ביבליאטעק. אבער איך האב זיך געוואונדערט וואס כמעט אלע ביכער זיינען געווען נאר אין דייטש. אויסער עטליכע געצעהלטע ביכער אין אידיש און א גאנץ פעקעל דייטש־אידישע פיעסען.

נאכדעם ווי שילדקרויט האט אויפ־געהערט צו שפילען מיין פיעסע „פאר־קויפטע נשמות" אין פיפעל'ס טעאטער, איז ער ערשט ארויסגעפארען מיט דער פיעסע אויפ'ן „ראוד" און האט זי דארט געשפילט כמעט א גאנצען סעזאן.

אלזא, אויס „פארקויפטע נשמות"! מען דארף שוין ווידער עפעס שרייבען, און דאס מאל האב איך אנגעשריבען מיין פיעסע „דעם פרעזידענט'ס טאכ־טער" און זי אויפגעפירט אין זעלבען טעאטער, איז „דריטע סטריט טעא־טער" און ווידער איז שילדקרויט געקו־מען אין טעאטער, געזעהן די פיעסע און זי געוואלט קויפען. אבער דא האט זיך אריינגעמישט „מאדאם פאלי־טיק" — ווי איך וועל דערציילען אין קומענדיגען קאפיטעל.

## א וויכטיגע נייעס פאר יעדער באלעבאטישקייט

א וויכטיגע נייעס איז לעצטענס באקאנט געמאכט געווארען פון דער היידרשיי־ק קאמפאני פון קענזאז, אהייא, די פראדוצי־רער פון סאני־פלאש. דער דאזיגער באקאנ־טער פראדוקט, וואס ווערט שוין געברויכט אין אידישע היימען פאר פיל יארען, צו ריי־ניגען טאילעט־שיסלען, איז איצט אזוי אויס־געבעסערט געווארען, אז ער וועט זיין נאך מער ווילקאמען ווי ביז איצט.

אין דעם נייעם סאני־פלאש איז אריינגע־טאן געווארען אזא מין באשטאנדטייל, וואס ניט ארויס א זעהר אנגענעמען ריח בעת מען ריינגט די טואלעטען. דער דאזיגער ריח איז מילד ווי א פרילינגס־וועטער. ער בלייבט ניט הענגען אין דער לופט שווער און אומאנגענעם. ווען מען ריינגט טאילעט שיסלען מיט סאני־פלאש ווערט די גאנצע באטרום אויפגעפרישט. עס איז ממש א גוט־ווענדיגקייט אין יעדער היים.

ספעציעל איצט, אין די ווארימע טעג, ווען שלעכטע ריחות פון די טאילעטס קענען באווירקען די אטמאספערע פון א דירה, איז עס פון גרויס וויכטיגקייט צו ריינגען די טאילעט־שיסלען אפט. (*)































# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עס האָט אַמאָל פּאַסירט, ווען אייב איז געקומען צוגעהן האָט ער געטראָ־פען עלינאָר׳ן ליגענדיג מיט אַ שטאַר־קען קאָפּ־ווייטאָג. בעלאַ האָט אים גע־געבען אַ טיכעלע איינגעטונקען אין הייסע וואַסער ער זאָל דאָס צולעגען עלינאָר׳ן צום שטערן, צו פאַרגרינגע־רען דעם ווייטאָג. אייב האָט אַזוי גע־טאָן. ער האָט אַפּט געביטען דאָס טי־כעלע, אַז עס זאָל האַלטען הייס. זיין האַנט, וואָס האָט באַרירט איר שטע־רען האָט זיך פאַרהאַלטען אביסעל לענגער, און זיין האַרץ איז געווען איבערפילט. מער ווי דאָס האָט ער ניט פאַרלאַנגט, אייב, ווי נאָר צו גלעטען איר שטערן. עלינאָר האָט דאָס אים געלאָזען טאָן. זי איז שוין צוגעוואוינט געווען, אַז אייב זאָל איר זיין איבערגעגעבען. ער זאָל טאָן פאַר איר זאַכען.

אַזוי פיל אמת׳ע געטריישאַפט איז געווען אין זיין באַנעמען זיך צו איר, אַזוי פיל ליבשאַפט איז געווען אין דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, און די קורצזיכטיגע אויגען אונטער די אויגען־גלעזער, אַז עלינאָר האָט דאָס דערפיהלט, און עס האָט אים אַליין באַנג געטאָן.

ווען זי קען אים כאָטש אביסעל ליב האָבען, אייבי׳ן. ניט נאָר ווי אַ פריינט, נאָר ווי אַ מאַן. נאָר איר האָט זיך געדוכט, אַז קיין שום געפיל איז ביי איר ניטאָ צו אים ווי צו אַ מאַן.

— דו ביזט אַזוי גוט, אייבי, — האָט זי אים געזאָגט: — איך בין דאָס גאָרניט ווערט.

— אַה, וועלל... — האָט אייב אָפּ־געקערט זיין בליק פון איר.

ניט איינמאָל אין אַ שמועס מיט אים האָט זי דערמאָנט לאַרי׳ס נאָמען. זי האָט דעמאָלט וועגען אים גערעדט מיט האַס, און אייבי האָט מיט האַרצ־ווייטאָג ביי זיך געטראַכט:

— זי האָט אים נאָך אין אירע גע־דאַנקען, לאַרי׳ן. — אייב איז ניט גע־ווען אַזוי טעמפּ אַז ער זאָל דאָס ניט פאַרשטיין. איינמאָל האָט זי אים דער־ציילט ווי זי האָט געפונען לאַרי׳ס בילד אין איר דעסק צווישען די פּאַ־פּירען. זי האָט עס צעריסען אויף פּיצלאַך און אַרויסגעוואָרפען. עלינאָר איז שוין געוואוינט געווען, אַז אייב זאָל ביי איר אַלץ וויסען. זי האָט ניט געפיהלט ווי ריידענדיג פון דעם, טוט זי אים וועה, ניט געוואוסט ווי ער ליידט.

אייב האָט דעמאָלט געוואָלט פאַר־קערעווען זייער שמועס אויף עפּעס אַנדערש.

— דו זעהסט אַמאָל אימיצען פון דעם „באַנטש" פריינט דיינע?

— איך זעה זיי וועניג. מאַרטהאַ שוועננגערט. זי וועט אין גיכען האָבען אַ בעיבי.

— אָ, דאָס איז זעהר פיין! — האָט געזאָגט אייב.

— מיר וועלען אפשר צוגעהן צו איר די טעג. ווילסט, אייב?

— גוט. זאָג מיר ווען דו ווילסט געהן, וועל איך זעהן מאַכען צייט פאַר דעם אָוונט.

אייב האָט איצט שטודירט מעדי־צין. נאָך אַ פּאָר יאָר וועט אוועק און ער וועט קריגען דעם טיטול דאָקטאָר. נאָר אייב האָט ניט געפּלאַנט צו עפּע־נען אַן אָפיס פאַר פּאַציענטען, נאָר פאָרטזעצען זיין ריסוירטש־אַרבייט, געהן אַליין טיפער אין דעם ענין.

— אייב, דו דערציילסט מיר גאָר־ניט וואָס דו טוסט איצט — האָט עלי־נאָר איינמאָל זיך צו אים געווענדעט — ווי האַלטסטו מיט דיין לערנען?

— איך שטודיר איצט אין מעדיקעל קאַלעדזש. איך וועל זיין דאָקטאָר פון מעדיצין.

— און דו וועסט מסתמא עפענען אַן אָפיס, שפּעטער, אַז דו וועסט ענ־דיגען?

— ניין, ניט קיין אָפיס, ס׳איז ניט פאַר מיר. — האָט איר אייב געזאָגט. — אַז איך וועל ענדיגען, וועל איך ווייטער טאָן „ריסוירטש אַרבייט", אין האָספּיטאַל אפשר.

— מיט אַן אָפיס פאַרדינט מען מער געלט. דו ווייסט, אייב?

— אַ דאַנק קער — איז אייב גע־ווען איינגעשפּאַרט — איך האָב ניט אַזעלכע אַמביציעס.

— לאַרי וועט שוין מסתמא אין גיכען עפענען אַן אָפיס. ער קלייבט זיך צו ווערען אַ ספּעשאַליסט.

אייב האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט פאָרוואורף. ער איז געווען באַ־ליידיגט:

— דו וואָלסט נאָר וועלען אַז אַלע זאָלען זיין ווי לאַרי! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט צאָרן.

— ניין, אייב, איך האָב דאָס ניט געמיינט — האָט עלינאָר זיך פאַר־ענטפערט פאַר אים. — דו דאַרפסט ניט זיין אויף מיר אין כעס.

איר שטימע איז געווען געבראָכען, און אייב האָט אַ טראַכט געטאָן ביי זיך:

— „ניין, אויף אַ קראַנקען מענשען דאַרף מען ניט טראָגען קיין פאַרדרוס."

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף איר אויסגעבלייכטען, מידען פּנים און גע־פרעגט:

— דו קלייבסט זיך ערגעץ פאַר דעם זומער, עלינאָר? — אינגיכען וועסטו שוין האָבען דעם וואַקעישאַן פון סקול.

— יע, איך וועל אפשר פאָרען אין די בערג אויף עטליכע וואָכען. די מאַמע ווייסט פון עפּעס אַזאַ גוטען פּלאַץ, זי זאָגט מיר...

— דזשי, דהאַטס פיין! — האָט אייב זיך דערפרעהט. אויפ׳ן צונג איז אים געלעגען צו זאָגען, אַז ער וואָלט געוואונשען ער זאָל אויך קענען דאָרט זיין מיט איר. געזאָגט האָט ער:

— דו דאַרפסט זיך טאַקע פיקסען, עלינאָר. דו קוקסט אויס אביסעל מיד.

די טעג זיינען געשטאַנען מילדע, אַנהויב זומערדיגע, און אייב איז איינ־מאָל געקומען צו געהן אין אַ אָוונט און גערופען עלינאָר׳ן געהן אין גאַס. עלינאָר האָט אין אַנהויב ניט געוואָלט געהן. נאָר ער איז צו איר צוגעשטאַ־נען:

— קום, עס איז איצט גוט אין גאַס. וואָס וועסטו זיצען אין שטוב?

האָט עלינאָר אים נאָכגעגעבען. זי האָט אָנגעטאָן איר ברייטען ספּאָרט־מאַנטעל פון טונקעל גרינעם קאָליר; אויפ׳ן קאָפּ אַ געבלומטע טיכעל, וואָס האָט צונויפגענומען אירע לאָקען און מיט די הענט אין די קעשענעס פון מאַנטעל איז זי שוין געווען גרייט צו געהן. אייב׳ס בליקען הינטער זיינע אויגען־גלעזער האָבען אַ ווײַלע זיך אויף איר פאַרהאַלטען.

— קאָם אָן, אייב, לעטס גאָו! — האָט זי אים אַנטקעגען געשמייכעלט.

אין גאַס האָבען וואַרימע ווינטלעך שוין געטראָגען זיך אין דער לופט. עלינאָר איז געווען צופרידען און גע־קוויקט זיך מיט דעם דרויסען, און זי האָט געזאָגט צו אייבי׳ן:

— איך דאַרף דיר דאַנקען וואָס דו האָסט מיר גערופען. ווען ניט דו, וואָלט איך שוין דעם גאַנצען אָוונט אָפּגעזעסען אין שטוב.

— אָ, וועל... — האָט אייבי איר געענטפערט.

שפּעטער זיינען זיי ביידע אַריין אין אייז־קרים פּאַרלאָר. זיי זיינען געזע־סען איינע אַנטקעגען די אַנדערע ביי אַ טישעל און אייבי האָט געהאַט פאַר־געניגען ווי עלינאָר עסט דעם אייז־קרים מיט גרויס אַפּעטיט. פון גאַסי־גען ווינט האָט אַ פרישער, ראָזיליכער קאָליר געשפּילט אויף אירע באַקען.

— דו ווייסט, דו זעהסט איצט אויס גוט, — האָט געזאָגט אייב — אַ סך בעסער ווי מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק.

— איך פיהל אַלרייט. וואָס פעהלט מיר? — האָט עלינאָר געענטפערט האַלב אין שפּאַס.

— אַט איז אַ וואָג, וועג זיך אָפּ. — האָט אייב איר אָנגעוויזען אויף אַ גרויסער וואָג אין ווינקעל פון אייז־קרים־פּאַרלאָר. — איך רעכן, אַז דו האָסט צוגעקומען אַ פּאָר פונט.

— ווער וויל דאָס צונעמען וואָג?

— האָט עלינאָר אַלץ אָנגעהאַלטען אַ גרינגען טאָן אין רעדען.

און נאָך שפּעטער האָט אייב עלי־נאָר׳ן צוגעפירט ביז צו איר שטוב און זיך מיט איר געזעגענט. אַז ער איז דערנאָך געגאַנגען אַליין אַהיים, האָט ער אַ טראַכט געטאָן פון זיינע „האָום־וואָרק", וואָס ער וועט נאָך דאַרפען היינט אָנזאָגען. נאָר ער האָט אונ־טערגעפייפט אַ פרעהליכען ניגון׳דל. אויפ׳ן האַרצען איז אים איצט געווען גרינג און גוט.

צוליב דעם וואָס מאַרטאַ, עלינאָר׳ס חבר׳טע, איז שוין געווען אין די „חוי־כע מאָנאַטען" און זי האָט ניט געקענט געהן אין ערגעץ פאַרברענגען אינאיי־נעם מיט איר מאַן, זיינען מענשען גע־קומען צו זיי אין שטוב. זיי האָבען ביידע געהאַט אַ סך פריינט און באַ־קאַנטע: מאַרטאַ׳ס גאַנצער באַנטש פריינט, וואָס זי האָט נאָך מיידעלווייז געקענט, און איר מאַן, סידני גרינ־פעלד, האָט פון זיין זייט געהאַט אַזעל־כע, וואָס ער האָט נאָך געקענט פון זיינע קאָלעדזש־יאָרען. געווען צווי־שען זיי אויך פאַרהייראַטע פּאָרלעך. מאַרטאַ, אין דער ראָלע פון אַ „האָס־טעס" (אַ באַלעבאָסטע), איז געווען זעהר באַליבט. ביי איר אין שטוב איז אַלע מאָל געווען אָנגענעם און פרעהליך, און מענשען האָבען ליב גע־האַט אַהער קומען.

עלינאָר איז געקומען אַהער צו אַן אָוונט ניט אַליין, נאָר מיט אייבי׳ן. וועגען אייבי׳ן האָט מען געקענט זאָ־גען, אַז ער האָט זיך „אויסגעריבען", געוואָרען מער געשיקט אין געזעל־שאַפט מיט מענשען, און ער האָט זיך שוין ניט אַזוי צוריקגעהאַלטען פון זאָ־גען אַ וואָרט אין אַן אַלגעמיינעם שמועס, און ער האָט אָנגעהויבען ביי זיך פיהלען זיכערער.

(ווייטערעס מאָרגען)

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר׳ן „פאָרווערטס"

פון ראָוז שושנה

(פאָרטזעצונג)

## „טאַימס סקווער" און „קראַסנאָסטאַוו"

עטעלע איז געזעסען און נישט גע־וואַגט איבערצורייסען די מאָרגע שטילקייט, אָבער איר מוח האָט כסדר געטראַכט — וואָס טוט זיך דאָ? ווער איז דער מענש?

חוה האָט די ערשטע איבערגעריסען די שטילקייט.

— איך האָב אייך גלייך דערקענט, באַלד ווי איך זענט אַריין אין שטוב. אַזאַ באַגעגעניש! אַזאַ באַגעגעניש! — האָט חוה געזאָגט און זיך שטאַרק צעוויינט.

— מאַי גאָד! מאַי גאָד! — האָט דזשעיקאָב געמורמעלט — איז דאָס מעגליך?!

— יאָ, עס געשעהען היינט ניסים, גרויסע ניסים! דו ביסט חוה... חוה!... און וואו איז בלומטשע?

זיינע ליפּען האָבען געציטערט ווען ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער, ער האָט זיך איינפאַך געשראָקען פאַר דער ראַזיגער פראַגע.

עטעלע איז געזעסען אין אַ געשפּאַנ־טער שטימונג. זי האָט נישט געקאָנט ריידען, ווייל זי האָט געוואָלט באַ־רוהיגען איר מומען, וועלכע האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ווער איז אָט דער מענש?

די קאַר איז געפאָרען לאַנגזאַם, כמעט קוים גערירט.

חוה האָט געוויינט. דזשייקאָב האָט לאַנג געשוויגען, דערנאָך געזאָגט:

— איך האָב באַלד זי דערזעהן, ווי איך בין אַריין אין צימער. זי האָב איך באַלד דערקענט. זי — האָט ער אַנגעוויזען אויף עטעלע׳ן — צווישען טויזענטער וואָלט איך זי אויך דער־קענט... פּונקט ווי זי, פּונקט ווי בלומ־טשע, ווען איך האָב זי דאָס לעצטע מאָל געזעהן. אָט שטעהט זי פאַר מיר אַ לעבעדיגע, אַזאַ האָב איך זי אי־בערגעלאָזען, בלומטשע. דאָס זעלבע פּנים. אינגאַנצען אַזוי ווי זי. דער זעלבער בליק. מאַי גאָד!... מאַי גאָד! בלומטשע! בלומטשע! — האָט ער אויסגערופען — אַזוי ווי ער וואָלט טאַקע געזעהן פאַר זיך די פאַרגאַנגענ־הייט און גערעדט צו עטעלע׳ן... אַזוי ווי פאַר אים וואָלט געשטאַנען טאַקע בלומטשע און נישט עטעלע.

— פּונקט ווי זי... אַלץ האָט איר גע׳ירשנ׳ט פון אייער מאַמען: אירע אויגען, אירע געלאָקטע האָר, אירע וואונדערבאַרע געזיכטסציגע... אפילו איר שטימע אויך, די זעלבע. אַזאַ ענליכקייט! אַזאַ ענליכקייט! אָט אַזוי ווי איך וואָלט זי געזעהן שטעהן פאַר מיר איצט אַ לעבעדיגע... אַ לע־בעדיגע בלומטשע... און דאָס איז דאָך שוין אַזוי פיל יאָר!... אַזוי פיל יאָר...

דזשעיקאָב האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ. לאַנג געשוויגען, און דערנאָך גע־זאָגט:

— אַזוי... האָט ער יאָ מיט איר חתונה געהאַט?... ער האָט זי יאָ גע־קראָגען?! נו, יאָ, ער איז דאָך גע־ווען אַ רעדנער, אַן אָראַטאָר אויף מי־טינגען, אַ סאָציאַליסט, ער איז דאָך געווען באַרימט און אין פוילען גלאַנץ... און איך, ווער בין איך געווען פאַר איר, פאַר דער שעהנער בלומטשע?... נישט באַרימט און נישט אין גלאַנץ...

— גלאַנץ און באַרימטקייט זיינען צוויי זאַכען — האָט עטעלע געזאָגט פעסט און ענטשלאָסען און האָט אַראָפּ־געלאָזען דעם קאָפּ.

— צום גלאַנץ לויפען זומערפייגע־לעך, וועלכע פאַרברענגען זיך זייערע פליגעלעך אין גלאַנץ פון פייער, אָבער פאַר באַרימטקייט, פאַר ענערגיע, אינ־טעליגענץ, בילדונג, בויגען זיך אַלע.

— אַה, דו ביזט נישט קיין נאַריש מיידעל — האָט דזשעיקאָב געזאָגט מיט אַ שמייכעל — אפילו אין דעם ביזטו ענליך צו דיין מאַמען. איז זי כאָטש געווען גליקליך, די רייצענדע בלומטשע? זי איז ווערט געווען אַ סך גליק. זי איז ווערט געווען צו האָבען אַ גוטען גורל.

אין עטעלע׳ס אויגען האָבען זיך באַ־וויזען טרערען. פון חוה׳ס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסען אַ טיפער זיפץ. אַ פּאַנאָראַמע מיט בילדער זיינען איצט פאַרביי חוה׳ס אויגען. בילדער, ווי יאַנקעלע האָט זיך גע׳שדכנ׳ט צו איר אינגערער שעהנער שוועסטער, בלומ־טשע. זייער יוגענט, זייער היים, זייערע קינדער־יאָרען, זיינען געשטאַ־נען אַזוי בולט פאַר די אויגען. דע־מאָלט, ווען זיי זיינען נאָך נישט גע־ווען קיין „דיפּי׳ס", אויסגעוואָרצעל־טע, אַזוי ווי איצט...

אַלע האָבען געשוויגען. אין האַרץ האָט געקלעמט. מען האָט פאַרגעסען, אַז מען איז איצט היימלאָז, דאַכלאָז...

איז זיך געפאָרען די קאַר פון ברוק־לין קיין מאַנהעטען, אָהן אַ ציל, ווייל אַלע: דזשעיקאָב, עטעלע, חוה און חנה האָבען נישט געטראַכט וועגען איצט... פאַרגעסען וועגען אַלעם. דאָס געשפּרעך, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען אַזוי פּלוצלינג, אַזוי אומערוואַרטעט, האָט זיי אַלעמען אוועקגעטראָגען ווייט, ווייט, איבער ימ׳ען, איבער בערג און טאָלען, איבער קליינע שטעטלעך, מיט סאָסנאָווע וועלדלעך, מיט שמאָ־לע שלענגלדיגע טייכלעך. זיי האָ־בען נישט געזעהן די גרויסע רעקלאַ־מען ליכט, די נעאָן לאַמפּען פון ניו יאָרקער גאַסען. זיי האָבען נישט גע־זעהן ווי עס האָט זיך צוגעשלאָגען דער אָוונט. זיי האָבען נישט געזעהן די טויזנטער ליכט, וואָס האָבען געבלענדט די אויגען. זיי האָבען נישט געזעהן די וואַלקען־קראַצערס, וואָס פאַרשטע־לען דעם הימעל. זיי האָבען נאָר גע־זעהן דאָס פּוילישע קליינע שטעטעלע, מיט זייערע נאָענטע, די ליבסטע זייע־רע, מיט דער אָרימקייט און ערנסט־קייט. זיי האָבען איצט נישט געזעהן דעם רייכען טאַימס־סקווער, נאָר דאָס אָרימע שטעטעלע קראַסנאָסטאַוו.

יעדער איינער פון די פיר מענשען אין קאַר האָט זיך געהאַט זיינע אי־בערלעבונגען. יעדער איינער פון די פיר מענשען אין קאַר האָט צוריק גע־וואַנדערט צו זיין גליקליכער יוגענט.

דזשעיקאָב, וועלכער איז דאָ געווען אַ איד אַ נגיד, האָט אין האַרצען גע־בענקט נאָך דער צייט ווען ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געליבט אין דער שעהנער בלומעלע, איידער מען האָט אים נאָך גענומען צו די זעלנער. ער איז דעמאָלט געווען אַן אָרימער בחור, אָבער אַזוי גליקליך. ער האָט דעמאָלט נישט געוואוסט פון קיין רייכקייט און נישט געבענקט נאָך איר. געבענקט האָט ער נאָך זיין ליבסטער, נאָך דער שעהנער בלומטשע.

ווייטקייט, לאַנגע יאָרען, לעבענס־שטייגער, איבערלעבונגען, האָבען אָט די מענשען צעטיילט אויף מיילען ווייט, אָבער דאָך זיינען זיי זיך געווען אַזוי נאָענט.

די עראינערונגען האָבען זיי איצט צוריק פאַראייניגט. אַלע האָבען זיי איצט געטראַכט פון זייער קינדהייט, פון אַ פאַרשוואונדענעם פרילינג.

מען האָט געשוויגען, לאַנג געשווי־גען.

עטעלע, וועלכע האָט געטראַכט פון איר מאַמע, דער שעהנהייט, האָט דאָך שוין געזעהן, אַז דזשעיקאָב האָט גע־קענט איר מאַמען, דאָך האָט זי גע־פרעגט, אַבי עפּעס צו זאָגען, ווייל זי האָט געפיהלט, אַז אויך זי, די שטאַרק־סטע צווישען זיי, וועט זיך אויך באַלד צעכליפּען אין אַ יאָמערדיגען געוויין.

— איר האָט געקענט מיין מאַמען?

דזשעיקאָב האָט אַ שטאַרקען זיפץ געטאָן און געענטפערט שטיל:

— צי איך האָב געקענט אייער מאַ־מען? צי איך האָב זי געקענט? — האָט ער מאַשינאַלע איבערגעענטפערט איינציגע מאָל.

— יאָ, כ׳האָב זי געקענט. איך וואָלט זיך גיכער געריכט אויף גאָט ווייסט וואָס, ווי דאָס, אַז איך וועל דאָ איצט האָבען פאַר מיר בלומטשע׳ס טאָכטער, וועלכע איז מיר אַ פרעמדע.

ער האָט געפיהלט, ווי עס ווערט אים ענג אין האַלז, אָבער כדי אָפּצו־ווענדען דעם געשפּרעך אין אַן אַנדער ריכטונג האָט ער געפרעגט:

— האָט איר דאָ פאַמיליע?

— ניין, מיר האָבען דאָ קיינעם נישט — האָט עטעלע געענטפערט מיט אַ זיפץ. דערווייל זיינען מיר אין „האָיאַס". אַלע אונזערע זיינען אומ־געקומען... אַלע... מיר זיינען עלענדע, זעהר, זעהר עלענד. האָבען מיר היינט דאָ אין אַמעריקע געכאַפּט דעם ערש־טען ברוך־הבא. אָבער מיר גלויבען, מיר האָפען, אַז נישט אַלע זיינען אַזעל־כע שלעכטע מענשען.

עטעל האָט אויפגעהערט רעדען, ווייל זי האָט געהערט דעם זיפץ, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעריסען פון דזשעי־קאָב׳ס האַרץ.

נאָך אַ פּויזע האָט זי ווייטער אָנגע־הויבען רעדען.

(ווייטערעס — מאָרגען)



וויליאַם סאַרמאַן, ווערט געזוכט פון זיין פרוי בערטאַ, וועלכע איז נייגעריג צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט אים וועגען זעהר אַ וויכטיגען ענין. מר. סאַרמאַן איז אַרום 63 יאָר אַלט, איז 5 פוס 2 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 135 פונט, האָט ברוינע האָר און ברוינע אויגען, איז געווען אין די לאָנדרי ביזנעס.

העררי ריעבער, ווערט געזוכט פון זיין געוועזענער פרוי דאָראַטי, וועלכע געפינט זיך יעצט אין נויט; זי וויל אַז ער זאָל איהר שטיצען. ער איז אַ היגער־געבוירענער, אין 1901, איז 5 פוס 10 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 180 פונט, האָט ברוינע האָר און העלע בלויע אויגען, איז אַ סעילסמען.

סאַל דעיוויס ווערט געזוכט פון זיין פרוי, איידע זינט 1948, און יעצט געפינט זי זיך אין נויט. ער איז געבאָרען אין פוילען, אין 1904, איז 5 פוס 4 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 150 פונט, האָט טונקעלע בלאָנדע האָר, בלויע אויגען, איז אַ בעקער.

שמואל סאַלטעאַרף, ווערט געזוכט פון זיין אַלטער מוטער זינט 1948; זייט דאַן איז ער ניט געווען אין פאַרבינדונג מיט זיין פאַמיליע. זיי זיינען זעהר באַזאָרגט וועגען זיין צושטאַנד. ער איז געבאָרען אין ניו יאָרק, אין 1907, איז 5 פוס 10 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 170 פונט, האָט טונקעלע האָר און בלויע אויגען, איז אַ דרעפּסמאַן.

העררי סאַפּסטין, ווערט געזוכט פון זיין פרוי בעסי זינט 1948; זי איז זעהר נייגעריג צו הערען פון אים. ער איז געבאָרען אין רוסלאַנד אין 1895, איז 5 פוס 6 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 175 פונט, האָט שוואַרצע האָר און ברוינע אויגען, איז אַ קוק.

בנימין פרידמאַן, ווערט געזוכט פון זיין פאַמיליע זינט 1947. מר. פרידמאַן איז געבאָ־רען אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, אין 1906, איז 5 פוס 3 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 150 פונט, האָט טונקעלע בלאָנדע האָר און בלויע אויגען, איז אַן עלעקטרישען.

בנימין בעררינגהאָוז, ווערט געזוכט פון זיינע עלטערן זינט 1925, און זיי זיינען זעהר נייגע־ריג צו הערען פון אים. ער איז געבאָרען אין 1902, איז 5 פוס 10 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 160 פונט, האָט שוואַרצע האָר און בלויע אויגען, האָט ניט געהאַט קיין פאַך.

בעווערלי שאַרפמאַן, ווערט געזוכט פון אירע עלטערן זינט 1947, און זיי זיינען זעהר באַ־זאָרגט וועגען איר. זי איז געבאָרען אין פילאַ־דעלפיע אין 1930, איז 5 פוס 3 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 135 פונט, האָט ברוינע האָר און ברוינע אויגען, איז דיק, און רופט זיך ליי שאַרפ, בעווערלי שולמאַן, אָדער קאַופמאַן.

מאַיק סילווערסטין, ווערט געזוכט פון זיין פאַמיליע זינט 1923, און זיי זיינען יעצט זעהר נייגעריג צו הערען פון אים. ער איז אַרום 43 יאָר אַלט, איז 5 פוס 8 אינטשעס הויך, וועגט אַרום 150 פונט, האָט בלאָנדע האָר און בלויע אויגען, איז אַ וועיטער.

מר. סעמיועל רובין איז געבעטען צו שטע־לען זיך אין פאַרבינדונג מיט דער נעשאַנעל דיזוירשאַן ביוראָ, 105 נעסאָו סטריט, ניו יאָרק, וועגען זעהר אַ וויכטיגען ענין.

מאָריס מאָררים, ווערט געזוכט פון זיין פרוי, וועלכע וואוינט יעצט אין קאַליפאָרניע און נויטיגט זיך אין זיין שטיצע, ווייל זי איז קראַנק און קען ניט אַרבייטען. ער איז געבאָ־רען אין ניו יאָרק, האָט געאַרבייט ביי מענער־קליידער.















# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

נאָך איין חבר'טע עלינאָר'ס האָט חתונה געהאַט. דאָס איז געווען העלען, די פּיאַניסטין. און זי איז געקומען אַהער איינמאָל אין אָוונט מיט איר מאַן. העלען איז געווען ביי אַלעמען באַוואוסט מיט איר שפּילען. זי איז געווען אַ טאַלאַנט, און מבינים מוזיקער האָבען איר פאָראויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט.

וועגען אַט דער העלען איז פאַראַן אַ גאַנצע געשיכטע צו דערצעהלען, ווי זי האָט זיך צו איר קאַריערע געגרייט. זי האָט ליב געהאַט מוזיק, האָט אָפּגעגעבען צו דעם אַלע אירע כוחות און שעה'נווייז האָט זי געפּראַקטיצירט און געשפּילט. זי האָט שוין אַ סך דערגרייכט, שוין געווען, קען מען זאָגען, אויפ'ן וועג פון ערפאָלג. איר טאַטע־מאַמע און אויך העלען האָבען שוין גע'חלומ'ט פון דער צייט ווען זי וועט ווערען אַ פאָלקאָמענע פּיאַניסטין; זי וועט אויפטרעטען אין אַ זאַל פאַר אַ גרויסען עולם, און מיט איר שפּילען וועט זי באַגייסטערען די מענשען. דאָס וואונדערליכע, פאַנטאַסטישע וואָרט „טאַלאַנט" האָט זיי אַלעמען גע'כישופ'ט. און העלען האָט נאָר געדאַרפט וואַרטען אויף דעם גליקליכען צופאַל, וואָס קען אַמאָל אַרויסהייבען אַ קינסטלער אַז ער זאָל ווערען גרויס און באַוואוסט, ווי דאָס האָט שוין אַ סך מאָל פּאַסירט.

האָט זי אינמיטען פון דעם אַלעמען איבערגעריסען אַ קאַריערע, העלען. זי האָט חתונה געהאַט. און מיט איין מאָל האָט זי געמאַכט אַ סוף צו אַלץ. זי איז נאָך געווען גאָר יונג, העלען, אינגאַנצען אַ דריי־און־צוואַנציג יאָר, מיט גרויע, בלוי־גרויע אויגען, וואָס האָבען געקוקט צוטרויליך אויף יעדען איינעם, און מיט אַ קלינגענדיגען, אָנשטעקענדיגען געלעכטער. דאָס כסדר'דיגע פּראַקטיצירען און שפּילען אויף דער פּיאַנאָ האָט אַוועקגענומען אַ סך פון איר נאַטירליכער לוסטיגקייט... געמאַכט אויסקוקען איר פּנים אויסגעבלייכט און אַביסעל מיד. איינער אַ בחור, הערי לעווינסאָן, האָט זיך אין איר פאַרליבט. און זי אין אים אויך. ער איז אַליין געווען אַ לוסטיגער און שעהנער יונג. און ער האָט געאיילט מיט זייער חתונה. ער איז געווען אַ זוהן פון אַ רייכען טאַטען, אַ ביזנעסמאַן. און ער און העלען האָבען באַשלאָסען, אַז זי זאָל אויפהערען אָפּצוגעבען זיך מיט שפּילען פּיאַנאָ, נאָר זיי זאָלען איינאָרדענען אַ היים פאַר זיך און געניסען מער פון לעבען...

אַלע פריינט העלען'ס זיינען געווען שטאַרק פאַרוואונדערט פון איר באַשלוס איבערצורייסען איר קאַריערע. זיי האָבען געקענט העלען'ס טאַטע־מאַמע, און געוואוסט וויפיל לעבען זיי האָבען אָפּגעגעבען פאַר זייער טאָכטער. העלען'ס טאַטע איז געווען אַן אינשורענס אַגענט, און זיי האָבען געלעבט זעהר אָרים און אויסגערעכנטע לעבען. אַלץ וואָס ער האָט פאַרדינט איז אַוועקגעגאַנגען פאַר העלען'ס מוזיק. זיי האָבען זיך אַרויסגעשלאָגען פון די כוחות, אַז זייער טאָכטער זאָל קענען דערגרייכען צו דעם הויכען ציל, וואָס זיי האָבען זיך אַוועקגעשטעלט. די מאַמע איז געגאַנגען מיט העלען'ען צו די גרעסטע מוזיק אויטאָריטעטען, אַז זיי זאָלען איר אויסהערען און זאָגען זייער וואָרט. זיי האָבען געקראָגען פאַר איר די בעסטע מוזיק־לערער. זיי האָבען איר געלאָזען געהן צו אַלע קאָנצערטען, אַז העלען זאָל זיך איינלעבען אין דער וועלט פון מוזיק.

אַז העלען האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ איז די מאַמע אירע אַרומגעגאַנגען איבער'ן שטוב אויף די שפּיץ פינגער, מיט אַנגסט און מיט פרייד פאַר איר קינד, וואָס גרייט זיך פאַר אַ גרויסער צוקונפט. עס איז אַוועקגענומען געוואָרען פון איר אַלע טעגליכע זאָרגען, אַז זי זאָל ניט דאַרפען העלפען אין שטוב מיט אַ פּראָסטער אַרבייט. און העלען האָט ניט געדאַרפט גאָר וויסען, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי נויט. פאַראויס האָט פאַר זיי געשיינט העלען'ס קאַריערע פון אַ גרויסער מוזיקערין, רייך און בלישענדיג. און ווען נאָר זיי האָבען פון דעם אַ טראַכט געטאָן, האָט זיי זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרעהט. און די אַלע איבעריגע, וואָכעדיגע זאַכען אין לעבען האָבען אויסגעזעהן פאַר זיי מינדערוואַרטיג אין פאַרגלייך מיט דעם.

אַזוי זיינען זיי געווען, העלען'ס טאַטע־מאַמע. און איר איצטיגער איבעררייסען איר קאַריערע איז מסתמא געווען פאַר זיי אַ גרויסער קלאַפּ, אַ שרעקליכע ענטוישונג.

עלינאָר האָט העלען'ען גוט געקענט. זיי האָבען דאָך אַלע באַלאַנגט צו איין גרופּע פריינט. מען מוז זאָגען, אַז עלינאָר האָט ניט איינמאָל דורכגעלעבט אַ געפיהל פון קנאה אַנטקעגען איר פריינדין, ווען אַמאָל אויף אַן אָוונט מיט פריינט האָט העלען געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ און זי האָט שטאַרק אויסגענומען... ווען זי איז דערנאָך אַרומגערינגעלט געוואָרען מיט פאַרערער און פון אַלע זייטען האָט זי געהערט לויב־געזאַנגען... יע, עלינאָר האָט געהאַט דאָס אין זיך, דעם געפיהל פון ניט־פאַרגינערייי, ווען זי האָט געזעהן ווי אימיצער נעמט אים ביי אַלעמען מער ווי זי אַליין. נאָר איצט. אויף דעם אָוונט ביי מאַרטאַ'ן אין שטוב, האָט זי אָט דעם שלעכטען געפיהל אין זיך ניט געהאַט. זי האָט דאָך פאַר דער צייט אַליין אַזוי פיל דורכגעלעבט. און עס איז געווען ווי זי וואָלט איצט אָנגעהויבען פיהלען טיפער, מיט מער פאַרשטענדעניש פאַר מענשען.

— איך שטעל זיך פאַר ווי פאַר דיין מאַמען איז דאָס אַ גרויסער שאָק (ענטוישונג) — האָט זי אין אַ שמועס מיט העלען'ען איר געזאָגט, האַבענדיג אין זינען איר באַשלוס אויפצוגעבען דאָס פּיאַנאָ־שפּילען.

— יע, איך ווייס — האָט העלען אַ שולדיגע געשמייכעלט — באָט אי קען'ט העלפּ איט.

זי האָט אַזוי ווי מיט דעם געוואָלט אויסדריקען, אַז דאָס לעבען איז שטאַרקער פון איר אַליין.

נאָר מענשען זיינען צוגעשטאַנען צו זייער שמועס. העלען'ס מאַן, הערי לעווינסאָן, איז אויך צוגעקומען. ער האָט מיט איין האַנט אַרומגענומען העלען'ען אַרום איר טאַליע.

— איך וויל ניט מיין ווייב זאָל זיין אַ „קאַריער וואומען" — האָט ער אָנגעהויבען אין אַ גרינגמוטיגען טאָן. ער איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט אַליין פאַרמאָגט געניג אַמביציע. ער איז געווען אַ זוהן פון אַ רייכען טאַטען אַ ביזנעס־מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ שאָפּ פון פוטערוואַרג. דער טאַטע האָט אים אַריינגענומען אין די ביזנעס ווי אַ גלייכען שותף. דער טאַטע זיינער איז שוין ניט געווען אַזוי יונג, און שפּעטער וועט די ביזנעס איבערגעהן אינגאַנצען צו אים.

הערי לעווינסאָן האָט איצט גערעדט מיט אַ זיכערען טאָן וועגען אַ סך פון די יונגע קינסטלער, טאַלאַנטען, וואָס קלייבען זיך צו דערגרייכען גרויסע זאַכען און דערנאָך לאָזט זיך עס אויס מיט גאָרניט. זיי ווערען צעבראָכען, ענטוישט. ער וויל ניט מיט זיין העלען זאָל אַזוי זיין.

— העלען ווייסט ניט די „פעקטס און לאַיף" (דעם רעאַלען לעבען) — האָט ער אַריינגעקוקט איר אין פּנים אַריין מיט זיין גרינגמוטיגען שמייכעל. און העלען האָט אויך געשמייכעלט און צוגעשוויגען. עס קאָן זיין, אַז זי אַליין איז שוין אויך מיד געוואָרען פון כסדר'דיגען שפּילען אויף דער פּיאַנאָ, פון וואַרטען ביז עס וועט קומען די אַנערקענונג און זי וועט ווערען באַריהמט, און זי וועט דעמאָלט געניסען די פרוכט פון איר מי...

— שפּיל עפּעס פאַר אונז, העלען — האָט מאַרטאַ, די „האָסטעס", איר געבעטען — מיר האָבען אַ גוטע פּיאַנאָ.

נאָר העלען האָט ניט געוואָלט שפּילען. וויפיל מען האָט איר ניט געבעטען, האָט זי אַלץ געזאָגט, אַז זי פיהלט היינט ניט ווי צו שפּילען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# מאַיער בערגער, פון דער „טאַימס", בעסטער צייטונגס־רעפּאָרטער אין אַמעריקע

(שלום פון פערדוש 2)

באָמבע אין נאַגאַסאַקי — האָט באַקומען אַ פּוליצער פּרייז אין 1946. לאָרענס, ווי אַלע ווייסען, איז אַ „געבראָטענער ליטוואַק", אַ געוועזענער ישיבה בחור, וועלכער איז גלייכצייטיג אַ געענדיגטער פון האַרוואַרד קאַלעדזש, און דערצו נאָך אַן אויסגעשטודירטער לאַיער. לאָרענס האָט יע אַ ספּעציאַליטעט: וויסענשאַפטליכע נייעס.

לואיס סטאַרק — דער „לעיבאָר רעפּאָרטער" — האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג אין 1942. (סטאַרק איז אויך אַ איד.) דזשעימס רעסטאָן, אַרטור קראָק, וואַלטער דוראַנטי, פרעדעריק ט. בווירטשעל, עז אַ'העיר מעקאַרמיק, הענסאָן באַלדווין, ברוקס אַטקינסאָן, אַלוואַ דזשאָנסטאָן, ראַסעל אָוען, לאָרען לאַימאַן, טשאַרלס פ. טראַסעל, אַטאַ ד. טאָלישוס, אַרנאָלדאָ קאָרטעסי — זיי האָבען אַלע געקראָגען פּוליצער פּרייזען פאַר רעפּאָרטאַזש. קיין אַנדער אַמעריקאַנער טעגליכע צייטונג האָט ניט באַקומען אַזויפיל „פּוליצער פּרייזען" פאַר איר רעפּאָרטאַזש, און טאַקע מיט רעכט, ווי די „ניו יאָרק טאַימס".

פאַרבייגעהענדיג וויל איך באַמערקען, אַז דער ערשטער צייטונגס־רעפּאָרטער וואָס איז צוגעטיילט געוואָרען דעם כבוד פון אַ פּוליצער פּרייז, איז געווען הירבערט באַיאַרד סוואָופּ, פון „ניו יאָרק וואָירלד", אין 1917. די „ניו יאָרק וואָירלד" איז שוין לאַנג טויט, און סוואָופּ איז שוין לאַנג אויס רעפּאָרטער.

דאָס וואָס כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אַזאַ לאַנגע צייט אויף „מאַיק" בערגער'ן מיינט ניט, אַז קיין אַנדערער האָט ניט באַקומען אַ פּוליצער פּרייז. למשל: „סאַיטה פּאַסיפיק" איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלט די בעסטע פּיעסע פון פאַרגאַנגענעם יאָר. ס'טוט מיך באמת לייד, וואָס כ'בין ניט אין אַ לאַגע אייך צו געבען אַן אויספירליכען באַריכט וועגען „סאַוט פּאַסיפיק". כ'האָב די פּיעסע נאָך ניט געזעהן. כ'האָף צו לעבען לאַנג גענוג עס אַמאָל יע צו זעהן — אויב ניט איך, וועלען עס מיינע אייניקלעך אודאי זעהן. באַטש מ'שפּילט „סאַוט פּאַסיפיק" שוין העכער אַ יאָר, איז נאָך אוממעגליך צו באַקומען טיקעטס ביים באָקס־אָפיס. גאַנץ אַמעריקע, אַפּניה, איז אַנטשלאָסען עס צו זעהן „וואָס שנעלער". די דאָזיגע מוזיקאַלישע פּיעסע — ס'איז ניט קיין „מיוזיקעל קאָמעדי", נאָר אַ „פּלעי וויט מיוזיק" — איז באַזירט אויף אַ באַנד ערצעהלונגען מיט'ן נאָמען „טעילס אָוו סאַוט פּאַסיפיק", פאַרפאַסט פון אַ מאַן מיט'ן נאָמען דזשעימס מיטשנער. אין 1948 האָט אַט־דער דזשעימס מיטשנער באַקומען דעם פּוליצער ליטעראַטור פּרייז. ריטשאַרד ראָדזשערס (אַ איד) און אָסקאַר האַמערשטיין דער צווייטער (אַ פּערטעל־איד), האָבען פאַרפאַסט „סאַוט פּאַסיפיק". ראָדזשערס האָט געשריבען די מוזיק; האַמערשטיין — די ליברעטאָ און די ליריקס. ראָדזשערס און האַמערשטיין זיינען אויך די פאַרפאַסער פון „אָקלאַהאָמאַ" — אויך אַ מוזיקאַלישע פּיעסע וואָס האָט געוואונען אַ פּוליצער פּרייז, און אַריינגעבראַכט מי־יזרע־וויפיל מיליאָנען. סאַי ראָדזשערס, סאַי האַמערשטיין זיינען געבוירען געוואָרען אין ניו יאָרק, און האָבען שטודירט אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט. האַמערשטיין'ס זיידע איז געווען דער וועלט־באַרימטער אָסקאַר האַמערשטיין, דער אָפּעראַ אימפּרעסאַריאָ, וואָס האָט געלעבט פון 1847 ביז 1919. דער „ערשטער" אָסקאַר האַמערשטיין איז געווען אַ פּוילישטענדיגער איד. ער האָט געהייראַט מיט אַ קריסטליכער פרוי — אַרום־און־אַרום, דענק איך, האָט ער געהאַט דריי פרויען, אַלע קריסטליכע — און זיינע זיהן האָבען אויך געהייראַט מיט קריסטליכע פרויען. דער „צווייטער" אָסקאַר האַמערשטיין איז ערצויגען געוואָרען אַלס אַ קריסט, און האָט קיין שום שייכות ניט מיט אידישקייט.

דעם פּוליצער פּרייז פאַר פּאָעזיע האָט באַקומען אַ נעגערטע מיט'ן נאָמען גווענדאָלין ברוקס. מיס ברוקס, וועלכע וואוינט אין שיקאַגאָ, שרייבט שוין פּאָעזיע זינט 1935. אין די פאַרגאַנגענע פינף יאָר האָט זי שוין באַקומען צוויי „גוגענהאַים פעלאָושיפּס", און אויך אַ סומע געלט פון דער „אַמעריקען עקעדעמי אָוו אַרטס ענד לעטערס". זי איז 33 יאָר אַלט, און פאַרהייראַט זייט די לעצטע 10 יאָר. איר באַנד פּאָעזיע, וואָס איז ערשינען מיט 9 חדשים צוריק, הייסט „ענני עלען".

דער בעסטער ראָמאַן פון פאַרגאַנגענעם יאָר — לויט דער פּוליצער פּרייז קאָמיטע — איז: „דהי וועי וועסט", פון אַלבערט ב. גאַטרי, דזשוניאָר. מר. גאַטרי איז באַרימט געוואָרען מיט דריי יאָר צוריק, ווען עס איז ערשינען זיין ערשטער ראָמאַן: „דהי ביג סקאַי". פאַר דעם איז ער נאָהענט צו צוויי צענדליג יאָר געווען אַ צייטונגסמאַן אין לואיוויל, קענטאַקי. מר. גאַטרי שטאַמט פון אינדיאַנאַ סטעיט, וואו ער איז געבוירען געוואָרען מיט 49 יאָר צוריק. זיין טאַטע איז געווען אַ פּאַבליק סקול פּרינסיפּאַל און רעדאַקטאָר פון אַ וואָכענבלאַט.

די בעסטע ביאָגראַפיע פון'ם יאָר איז: „דזשאָהן קווינסי אַדאַמס ענד דהי פאַונדעישאַנס אָוו אַמעריקען פאָרעין פּאָליסי", פון פּראָפעסאָר סעמיועל פלעג בימיס, פון יעיל אוניווערזיטעט. פּראָפעסאָר בימיס האָט געוואונען אַ פּוליצער פּרייז נאָך אין 1927, פאַר זיין צוויי־בענדיג היסטאָרישע ווערק: „פּינקני'ס טריטי". פּראָפעסאָר בימיס איז אויך דער מחבר פון אַ בוך מיט'ן טיטול: „דזשעי'ס טריטי". זיינע בעסט־באַקאַנטע ווערק זיינען: דיפּלאָמעטיק היסטאָרי אָוו דהי יונאַיטעד סטעיטס" און „לעטין־אַמעריקען פּאָליסי אָוו דהי יונאַיטעד סטעיטס". בימיס איז אַ „היסטאָריקער'ס היסטאָריקער" — זיינע ביכער, הייסט עס, ווערען געלייענט און אָפּגעשעצט פון אַנדערע אַמעריקאַנער היסטאָריקער. זיין יעדער באַנד איז אַ פּערמאַנענטער ביטראַג צו היסטאָריאָגראַפיע. ער שרייבט ניט קיין „בעסט סעלערס" — זיינע ביכער וועלען אָבער לעבען און לעבען.

דזשאַן־קאַרלאָ מענאָטי, פּאָרפאַסער־קאָמפּאָזיטאָר פון „דהי קאָנסול", האָט געקראָגען אַ פּוליצער פּרייז פאַר דער בעסטער מוזיקאַלישער שאַפונג פון'ם יאָר. „דהי קאָנסול" איז אַן אָפּעראַ — כאָטש אָפיציעל ווערט עס ניט באַצייכענט אַלס אַן אָפּעראַ. ס'איז אַן אָפּעראַ אין ענגליש און דזשאַן־קאַרלאָ מענאָטי האָט פאַרפאַסט סאַי די מוזיק, סאַי די ווערטער. ס'איז שוין די פינפטע מוזיקאַלישע ווערק וואָס אַט־דער 38־יאָריגער איטאַליענישער אימיגראַנט האָט ביז איצט געשאַפען. קיין אַמעריקע איז ער געקומען מיט 17 יאָר צוריק. האָבענדיג געזעהן „דהי קאָנסול" מיט אַ וואָך צוריק, ראָט איך אייך עס אויך צו זעהן, און טאַקע וואָס שנעלער. „דהי קאָנסול" מאַכט אויפ'ן צושויער — און צוהערער — אַן אומפאַרגעסליכען איינדרוק.

עדמונד סטיווענס, אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענט פון דער „קריסטשען סאַיענס מאָניטאָר", האָט באַקומען אַ פּוליצער פּרייז פאַר זיין סעריע פון 44 אַרטיקלען מיט'ן טיטול: „אַט דאָס איז רוסלאַנד — ניט צענזורירט". מר. סטיווענס האָט פאַרבראַכט אין רוסלאַנד פון 1934 ביז 1939. אין צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער אַ שטיק צייט אויך פאַרבראַכט אין רוסלאַנד. ער רעדט און לייענט רוסיש פליסיג. מר. סטיווענס וואוינט איצט אין רוים מיט זיין רוסישער ווייב און צוויי קינדער.

עדווין גוטמאַן, פון „סעאַטעל טאַימס", סעאַטעל, וואַשינגטאָן סטעיט, האָט באַקומען אַ פּוליצער פּרייז פאַר זיין סעריע אַרטיקלען וועגען אַ דאָרטיגען קאָלעדזש פּראָפעסאָר וואָס איז אומזיסט־און־אומנישט פאַרשריגען געוואָרען אַלס אַ קאָמוניסט. דער באַטרעפענדער קאָלעדזש־פּראָפעסאָר איז מעלוויל רעידער, פון דער יוניווערסיטי אָוו וואַשינגטאָן. ער האָט פאַרלאָרען זיין שטעלע ווען מען האָט אים באַשולדיגט, אַז ער איז אַ געהיימער קאָמוניסט. געגען פּראָפעסאָר רעידער'ן איז אויפגעטראָטען אַ געוועזענער קאָמוניסט, דזשאָרדזש היואיט, וואָס האָט געשוואָרען, אַז רעידער האָט געהאַט פאַרבראַכט דעם זומער פון 1938 אין אַ קאָמוניסטישען קעמפּ לעבען ניו יאָרק. מר. גוטמאַן האָט אויסגעפאָרשט די גאַנצע זאַך און פעסטגעשטעלט, אַז רעידער האָט גאָר געהאַט פאַרבראַכט דעם באַטרעפענדען זומער ניט ווייט פון סעאַטעל — ווי רעידער האָט גע'טענה'ט די גאַנצע צייט. אַלס רעזולטאַט פון גוטמאַנ'ס סעריע אַרטיקלען האָט פּראָפעסאָר רעידער צוריקגעקראָגען זיין פאַרלאָרענע שטעלע אינ'ם אוניווערזיטעט. און פאַר'ן דאָזיגען אויפטו האָט דער צייטונגס־רעפּאָרטער, עדווין גוטמאַן, באַקומען אַ כשר־פאַרדינטען פּוליצער פּרייז.

די פּוליצער פּרייזען זיינען טאַקע ניט אַזוי באַרימט ווי די נאָבעל פּרייזען — ס'איז אָבער אַ גרויסער כבוד צו קריגען אַ פּוליצער פּרייז און די אַלע אויבען־אויסגערעכענטע לייט מעגען זיך באמת איבערנעמען.




אויסגעמאַטערט? אָהן כוחות?

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

שפעטער, אז זי האט זיך געזעצט ביי דער פיאנא, האט זי ניט געשפילט די מוזיק פון די גרויסע מייסטערס און וועלכער זי האט זיך אזוי אויסגעצייכענט, נאר זי האט געשפילט לייכטע דזשעז־מוזיק, סענטימענטאלע ניגונים, „בליוס", וואס מען הערט אין די וואדעווילס. און וואס אין דער היים ביי איר וואלט מען ניט געלאזען איר דאס צו שפילען. עס איז געווען ווי א רעאקציע, ווי א מין צו־להכעיס אי־מעצען פאר די אלע יארען אירע פון שווערער ארבייט. ווען אנדערע קינדער אין איר עלטער זיינען געווען אין גאס און האבען פרעהליך פארבראכט, האט זי געדארפט זיצען ביי דער פיאנא און שפילען און פראקטיצירען.

העלען האט אויך איצט געגעבען עטליכע אידישע ניגונים פון פאלקס־לידער און חסידישע ניגונים, וואס קיינער האט עס איר ניט געלערענט, נאר דאס איז אפשר איבערגעגאנגען צו איר פון איר'ן אן עלטער זיידען אדער א באבען. זי האט עס געשפילט מיט דער בענקעניש און אומעט, וואס עס זיינען און אט די ניגונים פאראן. און אלץ וואס זי האט געשפילט האט זי ארייגעגעבען איר אייגענעם טאן, דעם טאן פון א קינסטלער, און עס האט באקומען א באזונדערען, טיפערען זי־נען. דער יונגער עולם ארום איר איז ניט ווילענדיג מיטגעריסען געווארען און דא און דארט האט אימיצער מיט־געזונגען מיט איר שפילען.

אויך עלינאר איז געווען איבערוועל־טיגט פון דעם גאנצען היינטיגען אווענט. דאס איז געווען צום ערש־טען מאל ווען זי האט זיך געקענט דערהויבען העכער איבער איר פערזענ־ליכען לעבען און אירע ליידען. זי האט געטראכט פון זיך און זי האט געטראכט פון העלענ'ען. וואס פאר א ווערדע עס האבען זייערע פערזענליכע איבערלעבונגען און ליידען, אנטקעגען דעם גאנצען אין לעבען, אנטקעגען דעם דערהויבענעם און אויך טרויעריגען, וואס דאס גאנצע לעבען פארמאגט אין זיך.

אויך אייב האט דעם היינטיגען אווענט אויסערסט גוט פארבראכט. און שפעט ביינאכט איז ער מיט עלי־נאר'ן געגאנגען צוזאמען אהיים. ער האט איר צוגעפירט צום שטוב און זיי האבען זיך הארציג געזעגנט. און עס איז אים געווען זעהר גוט, אייבי'ן.

---

ווי איינער וואס איז דורכגעגאנגען דעם קריזים פון א שווערער קראנק־הייט און ער האלט שוין ביי געזונט ווערען, אזוי איז איצט מיט עלינאר'ן געווען. זי האט אנגעהויבען ארויס־געהן פון איר פארגליווערטקייט, וואס האט איר געהאלטען ווי אין א קלעם די סך חדשים פון איר טרויער. אירע גלידער זיינען ווי אנגעגאסען געווא־רען מיט נייע זאפטען און זיי זיינען געווארען רירעווודיגער און בויגעוודי־גער. אירע פיס זיינען געווען גרייט צו לויפען. און אן אומרוהיגקייט און אומגערולדיגקייט האט זיך געפילט אין איר גאנצען וועזען.

אז זי איז געשטאנען ביים שפיגעל און זיך געקאמט אירע האר האט זי געזעהן אין זיי דעם שימער פון גאלד, דער גלאנץ פון אירע האר האט אויפ־געלעבט אינאיינעם מיט איר; אירע שטייפע, מיידעלשע בריסטען האבען זיך מער ארויסגעהויבען דורך איר דינער, ווייסער בלוזקע. און אין אירע טונקעלע אויגען, וואו עס האט אן אומעט געטוקט, האט זיך איצט באַ־וויזען א נייער קוק, ווי א טראציג־קייט, אן ארויסרוף.

אין אט אזא שטימונג איז זי איינ־מאל, אין אן אווענט פון שבת ביינאכט געקומען צו גיין צו מאר־טהא'ן, איר חבר'טע. און דארט אין שטוב האט זי שוין געטראפען א סך געסט, ווי געוויינליך אין א שבת ביי־נאכט, ווען מענשען האבען געזוכט וואו צו פארברענגען דעם אווענט. עטליכע פארלעך זיינען געזעסען ארום א „ברידזש־טעיבעל" און געשפילט ברידזש, און די איבעריגע יונגווארג, בחורים און מיידלעך, האבען זיך געפו־נען אין אן אנדער גרופע פון ליווינג־רום און זיי האבען פון עפעס פריילעך צווישען זיך געשמועסט און גוט פאר־בראכט.

צווישען די געסט וואס זיינען דא היינט געווען האט מען געקענט זעהן איינעם א בחור, וואס מען האט אים דא גערופען ניט מיט זיין אמת'ען נא־מען. נאר מיט דעם פארצויגענעם נא־מען „סאני" (זוהנעלע). ער איז גע־ווען א קאזין פון סידני גרינפעלד, מארטהא'ס מאן. און ער האט זעל־טען ־ ווען זיך דא באוויזען, נאר היינט איז ער געקומען צוליב עפעס א בוך, א „בעסט־סעלער". ווייל ביי מאר־טהא'ן אין שטוב האט מען שטענדיג געקענט געפינען די נייעסטע ביכער פון באוואוסטע ענגלישע נאוועליס־טען.

„סאני" איז אינגאנצען ניט געווען ענליך אויף זיין קאזין סידני גרינפעלד. ער האט געהאט אן אידעל, טונקעל־הויטיג פנים, מיט פיין־געשניצטע שטריכען און א געטאקטען שטערן, אויף וועלכען עס זיינען געפאלען פאסמעס פון זיינע געקארבטע, שטארק שווארצע האר. זיין אויסזעהן האט עלינאר'ן דערמאנט אן די מיזרח־טיפען, וואס מען מאלט זיי אין די בילדער. אז מארטהא האט אים און עלינאר'ן באקענט, האט ער נאר איין שנעלען קוק געגעבען אויף איר דורך זיינע טונקעלע, צוגעשמורעטע אויגען און ער האט זיך באלד פון איר אפ־געקערט. און דאס האט מארטהא'ן זעהר געוואונדערט. ווייל עלינאר'ס שיינקייט איז געווען פון אזא סארט, וואס אז מען האט איר דערזעהן, האט זיך געוואלט איר אנקוקען מערער, ווי־פאר איין מאל קוקען וואלט שווער גע־ווען צו דערזעהן אלע שיינע און אינ־טערעסאנטע שטריכען פון איר פנים.

עלינאר איז אין יענעם אווענט ניט צוגעשטאנען צו די פארלעך, וואס האבען געשפילט ברידזש און אויך ניט צו דער גרופע פרייליכע יונגווארג, די בחורים און די מיידלעך, וואס זיי־נען געווען אויך אירע פריינט. נאר זי איז צוגעגאנגען צו דער שאפקעלע מיט די ביכער, זי האט ארויסגענומען איין בוך און נאך איינעם. אריינגע־קוקט אין זיי און געבלעטערט מיט אומרוהיגע פינגער. סאני האט שוין געהאט אין האנט דעם נויטיגען בוך, צוליב וועלכען ער איז היינט אהער געקומען. ער האט זיך א ווייל ארומ־געדרייט איבער'ן צימער, ווי ער וואלט זיך גענודיעט, און ער איז שוין געווען גרייט צו גיין אהיים. מיט אמאל האט ער געגעבען א גיי־צו צו עלינאר'ן, ווי ער וואלט זי ערשט איצט באמערקט. ער האט זיך אפגעשטעלט לעבן ביכער־שאפקעלע אנטקעגען איר.

— וואהאט אר יו דואינג היר? (ווי קומסטו אהער?) — האט ער ביי איר א פרעג געטאן.

עלינאר איז געווארען איבערראשט פון סאני'ס פלוצלינגען ווענדען זיך צו איר.

— וואס מיינט איר? — האט זי זיך שוין געוואלט באליידיגען. — מארטהא איז מיין פריינט.

זיי האבען ביידע איצט ניט־ווילענ־דיג זיך אנגעקוקט און ביידע האבען זיך צעלאכט. זי האט פארשטאנען, עלינאר. זיין באמערקונג איז גאר געווען ווי א קאמפלימענט פאר איר. עס האט געהייסען, אז ער האלט איר העכער פון די אלע אנדערע געסט דא אין צימער. און אזוינס איז איר גע־ווען שטארק צום הארצען. פון אלע יארען האט דאך אין איר געלעבט אזא געפיל, אז זי איז מיט עפעס העכער פון א סך אנדערע.

סאני איז אינגיכען אוועק אהיים, און עלינאר האט דערנאך אן אים פאר־געסען.

עס איז אוועק א שטיק צייט, און איינמאל, קומענדיג צו מארטהא'ן, האט עלינאר ווידער זיך אן אים דער־מאנט, און זי האט א פרעג געטאן ביי איר חבר'טע:

— וואס איז ער פאר א סארט מענש, דער „סאני"?

---

(ווייטערס — מארגען)

# דער טאג ווען דער פאציענט פארלאזט דעם האספיטאל נאך אן אפעראציע

(שלוס פון עדיטאריעל פעידזש)

אנדערע צימערען. זיי זיינען געקומען באזוכען מיך און מאקס'ן אין אונזער צימער און מיר זיינען געגאנגען אפ־שטאטען וויזיטען צו זיי. מיר האבען געמאסטען זייערע צימערען און זיי האבען געמאסטען אונזער צימער, כדי צו זעהן וועמ'ס האט מער באקוועמ־ליכקייטען. מיר זיינען געווען פאר־טאן און פארנומען, שיער־ניט ווי די געזונטע דארט, אויף דער אנדער זייט פון האספיטאל.

געדארפט האב איך, אייגענטליך, אייך דערצעהלען וועגען נאך צוויי מענשען מיט וועלכע איך האב גע־האט דעם כבוד זיך צו באקענען אין דעם ליבען, טייערען, אומפארגעסלי־כען בית־ישראל האספיטאל. איינער פון זיי איז דער איטאליענישער באר־בער. ער איז געקומען יעדען אין דער פרי מיך אפראזירען, כדי די נוירסעס זאלען ניט שרעקען זיך פאר מיין פנים. ראזירענדיג האט ער, ווי ס'איז די טבע פון בארבערס, גערעדט און ארומגע־רעדט די וועלט און יענע וועלט, און אלץ טיפזיניג און שכל'דיג.

ער האלט, צום ביישפיל, אז יענע וועלט איז א סך א בעסערע ווי די וועלט. והא ראיה, זאגט ער, קיינער קערט זיך פון דארט ניט צוריק. קומט מען אהין, בלייבט מען שוין דארט.

שבת ארבייט ער ניט, ווייל, זאגט ער, ס'איז אן עבירה. איבער דרייסיג יאר איז ער פארבונדען מיט'ן בית־ישראל האספיטאל. ער איז געווען א בארבער דארט ווען דער האספיטאל האט זיך נאך געפונען ארום „פאר־ווערטס", דערצעהלט ער. האט ער זיך אזוי צוגעוואוינט ניט צו ארבייטען שבת, אז אפילו ווען מען לאזט אים, וואלט ער אויך ניט געוואוסט ווי אזוי מען הויבט אום שבת א ראזיר־מעסער. ער רויכערט אפילו ניט שבת, כאטש ער איז א קאטאליק.

די צווייטע איז א רוסישע פרוי, אן „ארדערלי". נאך דער ערשטער רעוואלוציע איז זי אנטלאפען פון רוסלאנד קיין פוילען. דארטען איז זי געווען א נוירס. ווען די צווויי־טע וועלט מלחמה האט אויסגעבראכען, איז זי פארוואלגערט געווארען מיט איר מאן און טאכטער אין א דייטשען קאנצענטראציע לאגער. שפעטער, ווען די אמעריקאנער האבען די געפאנ־גענע באפרייט, האט ער געארבייט דארט אין א האספיטאל. אלס באַ־לוינונג האט מען איר, איר מאן און די טאכטער ערלויבט קומען קיין אמע־ריקע.

ארבייט זי אין בית־ישראל האספי־טאל. קיין ווארט ענגליש קאן זי ניט, מוז זי זיין בלויז אן „ארדערלי". אויסער איר מוטער־שפראך, רוסיש, רעדט זי פויליש און א צעבראכענעם דייטש. מיט מיין רוסיש בין איך איר געווארען אזוי טייער, אז זי האט גע־צימערט איבער מיר ווי איבער אן איי־גענעם זוהן. איינמאל האט זי מיר געזאגט:

„דא איז דאס טייערסטע לאנד אויף דער וועלט. זעהט נאר אליין—געקומען בין איך אהער א פרעמדע און קיינער טשעפעט מיך ניט, קיינער הייסט מיר ניט דערלאנגען יעדע רגע מיין פאס־פארט און — מען לאזט מיר דא אר־בייטען! מיין מאן איז א דזשעני־טאר אין א הויז און מיין טאכטער שטודירט אין קאלעדזש אין פילארעל־פיע. זי וועט זיין א דאקטאר. אזוי שנעל ווי איך וועל קענען רעדען ענג־ליש, וועל איך קאנען זיין א נוירס. אין וועלכען אנדער לאנד קאן אזוינס מעגליך זיין?"

זי האט שיער זיך ניט גע'צלמ'ט ווען זי האט ארויסגערעדט דאס ווארט „אמעריקע"...

ענדליך, טייערער רעדאקטאר, איז אנגעקומען דער לעצטער טאג. איך וועט קיינמאל, קיינמאל ניט פאר־שטעהן מיין הארץ — סיידען איר האט אליין אמאל דורכגעמאכט אן אפערא־ציע און זייט געלעגען און ארומגע־גאנגען קנאפע צוויי וואכען אין פא־רזשאמעס — ווען איך האב צום ערש־טען מאל זינט איך בין אריין אין האס־פיטאל גענומען אנטאן מיינע אייגענע קליידער. ס'איז ניט געווען סתם אן אנטאן זיך. ס'איז געווען א צערע־מאניאל. יעדעס קנעפעל איז געווען א געשעהעניש. דאס אויסבינדען פון דעם שניפס איז געווען שיער־ניט א גאטעסדינסט. ס'איז ניט אזוי גרינג אנגעקומען אויסצובינדען די שנירלעך פון די שיך. ביים איינבויגען האב איך נאך אלץ געפיהלט — ס'איז נאך ניט גאנצען אוועק אפילו איצט — „דאס בערגעל פון גלאז", וואו די אפעראציע איז פארגעקומען...

דער לעצטער מאמענט איז ענדליך געקומען. איך האב מאקס'ן געדריקט די האנט און מיר האבען זיך מאנס־ביליש געפאטשט איינער דעם צווייטען אין פלייצע. מיט אלע נוירסעס, דאק־טוירים, זיך גאר ווארים צעזעגנט. קארל האט גענומען מיין וואליסקע און מיר זיינען אוועק צום עלעוועיטאר.

איך האב געקוקט אויף די האלבע טירען פון די צימערען, אויף די טיש־לעך מיט עסען וואס אנגעשטעלטע הא־בען פון קיך געבראכט צו די באזונדערע חדרים. אן אפגעווייטערטקייט, א דיי־נע פרעמדקייט האט שוין גענומען ווע־בען זיך ארום אלץ נאך איידער איך האב באוויזען אפילו אוועקצוגעהן. א שטילער אומעט, א בענקשאפט, האט זיך גענומען צירעווען אין הארצען.

באלד־באלד, האב איך געטראכט, און דאס אלץ וועט זיין א זאך פון אמאל, א טייל פון דעם גרויסען באַ־גאזש — רופט עס עראינערונגען — וואס מענשען פאקען אין זיך ארייין אין דעם לויף פון יארען און געשעעני־שען.

מיר זיינען געווען שוין אונטען, ביי דער טיר. קארל האט זי געעפענט — כ'בין אויף דער פריי — צוריק אין דער וועלט פון די געזונטע, פון די לויפענדיגע און אילענדיגע. מער ניט וואס איך קאן נאך ניט לויפען...

א דריבנער רעגענדעל שפריצט פון אויבען. ניו יארק איז גרוי און קאלט און — פארהאוועט. קיינער באמערקט אפילו ניט, אז פון האספיטאל איז ארויס א מענש וואס האט דורכגע־מאכט אן אפעראציע. קיינער קוקט זיך ניט אום... די זעלבע ניו יארק. און איך האב, אויף יענער זייט, אזוי געבענקט נאך איר...

„זייט געזונט, קארל. א דאנק פאר אלץ".

מיר דריקען זיך די הענט. קארל איז דא א „רעפיודזשי", א בערלינער איד, וואס איז צוערשט געלאפען קיין ארץ ישראל. איצט איז ער דא און פלאנע־ווועט לויפען צוריק קיין מדינת ישראל. ער שמייכעלט צו מיר און זאגט מיר אן:

„גערוינקט, די ערשטע צייט זייט פארזיכטיג. שטריינגט זיך ניט אן".

„א דאנק, קארל. די ערשטע צייט זיכער ניט. העי, טעקסי! טעק..." איך טאר זיך ניט אנשטריינגען...

און דא שריי איך שוין... דאס „טעקסי" קומט ביי מיר ארויס ווי דאס קוואטש־קען פון א הינדעל... ווי שנעל א מענש פארגעסט — איך שריי שוין „טעק־סי!"...

קארל עפענט די טיר פון טעקסי־קעב, איך קריך אריין מיט מיין „גלעז־זערנעם בערגעל". קארל שטעלט אריין מיין וואליסקע. — איך פאר אהיים...

דא, טייערער רעדאקטאר, וועל איך אויפהערען דערווייל, ווייל די אמת'ע צרות הויבען זיך ערשט אן ווען איר קומט אהיים נאך אן אפעראציע — נאך ניט אן אויסקורירטער אין דער וועלט פון די ניט־קראנק געווארענע... א סך פראבלעמען הויבען זיך ערשט אן. וועל איך אייך שיקען נאך איין בריוועל.

דערווייל זייט מיר געזונט און שטארק,

אייער,
חיים עהרענרייך.

# פארוואס סאשעל ווארקערס דארפען זיך אנשליסען אן דער סי. אי. א. יוניאן

(שלוס פון עדיטאריעל פעידזש)

ווייסע אידישע ארגאניזאציעס בכלל געדארפט שליסען אגרימענטס מיט לאקאל 19 און פיסליך מיט די שונאים פון אונזער לאנד און פון אי־דישקייט?

[illegible]

פירט צווישען אזעלכע ארגאניזאציעס, ווי דער אמעריקען דזשואיש קאנגרעס, אמעריקען דזשואיש קאמיטע, די בני ברית, „ארט", אמעריקען זאיאניסט קאונסיל און דערגלייכען.

ביז איצט האבען טויזענטער מיט־גלידער פון לאקאל 19 זיך פון אים אפגעטרייסעלט. זיי באלאנגען צו 15 אידישע אינסטיטוציעס. איינע פון די וויכטיגסטע אידישע אינסטיטו־ציעס, דער יונאיטעד דזשואיש אפיל, האט שוין אונטערגעשריבען אן אגרי־מענט מיט לאקאל 1707.

אין א געשפרעך וואס איך האב די טעג געהאט מיט לואיס האלענדער, דעם פרעזידענט פון דער ניו יארקער „סי. אי. א.", האט ער מיר געזאגט, אז אלץ וועט געטאן ווערען צו שטע־רען אין די פלענער פון דעם קרעמלין צו האבען א צוטריט צו די אידישע פאלקס־מאסען דורך די סאשעל וואיר־קערס. „מיר זיינען איבערצייגט, אז מיר וועלען גאר אין קורצען האבען נאהענט צו 10 טויזענט מיטגלידער".

האלענדער האט ערקלערט, אז ער איז באזונדערס פאראינטערעסירט אין דער פראגע, ווייל ער וויל ראטעווען דעם גוטען נאמען פון אונזער אידיש פאלק. ער וויל ניט, אז א פאר קא־מוניסטען צווישען די אידישע סאַ־שעל ווארקערס זאלען שאפען דעם איינדרוק, אז א ל ע אידישע סאשעל ווארקערס זיינען קאמוניסטען. ווער זיינען דען אונזע־ע אידישע סאשעל ווארקערס? דאס זיינען דאך קינדער פון ארבייטער רינג עלטערן, פון שניי־דער, פון קלאוקמאכער. די קאמוניס־טען זיינען פאראינטערעסירט אין די סאשעל ווארקערס אויף אזוי פיל ווי זיי קענען דורך זיי אריינגעמען אין זייערע הענט דאס ארגאניזירטע אי־דישע לעבען. די קאמוניסטען שטע־לען זיך פאר קיין זאך ניט אפ. זיי ווילען פאר'סמ'ען דעם „די.־פי." גע־גען אמעריקע, זיי ווילען פארטיליגען מדינת ישראל, ווייל אזוי לוינט זיך זיי.

האלענדער ווייזט אן, אז אויב גע־וויסע אידישע פירער ווילען, אז דער אידישער נאמען זאל בלייבן קריסטאל־ריין, דאן מוזען זיי זיך מיט עקעל אפקערען פון דעם קאמוניסטישען גע־מויזעכץ פון לאקאל 19. „די גוואל־דאוונע עקזעקוטיוום, זאגט ער, וועלכע האנדלען זיך איצט איין שפאט־ביליגע בארגעינס מיט לאקאל 19, מוזען פאר־שטעהן, אז דורך זייער פריינטשאפט מיט לאקאל 19, טוען זיי פיל שאדען דעם אידישען נאמען.

„שוין צייט, זאגט ער, אז די אי־דישע סאשעל ווארקערס זאלען זיך אפקערען פון דער „מיליטאנטישער" יוניאן, לאקאל 19, ווי פון א פעסט; שוין צייט, אז זיי זאלען זיך אנשלי־סען אין דער לעגיטימער יוניאן לא־קאל 1707 פון דער „סי. אי. א."

אין זייער פארצווייפלונג, האבען די קאמוניסטען לעצטענס באנייט די וואויל־באקאנטע טאקטיק פון כאראק־טער־מארד און פארלוימדונג. אם בולט'סטען איז צום אויסדרוק געקו־מען זייער סקאנדאליעזע אויפפירונג, ווען זיי האבען אנגערופען סעמיועל פרידמאן, דעם באקאנטען אידישען מיליטאנטישען סאציאליסט — א באקעמפער פון די נעגער־מאסען! פארוואס? ווייל ער, פרידמאן, אן אנגעשטעלטער אין דעם יונאיטער דזשואיש אפיל, באקעמפט אויף א העפטיגען אופן די שמד־שטיק פון די קאמוניסטען.

דער סך־הכל פון דעם אלעמען איז, אז די „סי. אי. א." איז פעסט אנט־שלאסען אויפצוהויבען דעם עקאנא־מישען סטענדערד פון די סאשעל וואיר־קערס. זי איז אימשטאנד צו באשי־צען די אינטערעסען פון די אנגע־שטעלטע, ווערענד די קאמוניסטישע יוניאן קען פאר די סאשעל ווארקערס גארניט טאן!

דעם דאזיגען פאקט מוזען אלע סאשעל ווארקערס יעדע מינוט גע־דענקען!

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

מארטהא האט א שמייכעל געטאן. זי האט ניט געהאט, ווייזט אויס, קיין צו גוטע מיינונג וועגען אים. ער איז צופיל איינגעגלויבט אין זיך אז ער ווייס מער ווי אלע אנדערע. און זיין באציאונג צום פרויאישען מין איז אויך מאדנע.

— איך פארשטיי אים ניט, — האט מארטהא זיך אפגערופען. — ער רעדט פון מיידלעך מיט גרינגשעצונג און יעדעס מאל איז ער פארליבט אין אן אנדער מיידעל.

מארטהא'ס מאן האט זיך פאר סאני'ן אנגענומען. ער איז געוועזן זיין קאזין און ער האט אים גוט גע־קענט. סאני איז אויסערגעוועהנליך פעהיג. ער איז אינטעליגענט און ער ווייס א סך. עס איז ביי אים נאר אזא באי'אישער אנשטעל ארויסצעווייזען זיך ערגער ווי ער איז. סידני האט באשולדיגט זיין טאטע־מאמע אין אלץ:

— סאני האט געקאנט שטיינען הויך ווען ניט זיי. זיי האבען אים צופיל נאכגעגעבען און געפּיעס־טשעט און דאס שטערט אמאל א באי אליין עפּעס צו דערגרייכען...

עלינאר'ן איז אויסגעקומען נאך איין מאל צו באגעגענען סאני'ן ביי מאר־טהא'ן אין הויז. זיי האבען דורכ'ן אווענט זיך דורכגעווארפען מיט א פאר ווערטער. זי איז דעמאלט דא געווען מיט איר פריינט אייב גארדאן. האט סאני געקוקט אויף אייב'ן ווי פון אויבען אראפּ. און מיט איר, מיט עלינאר'ן, איז ער אויך געווען קאלט. און ער האט וויינציג אויפמערקזאמקייט איר געשענקט. עלינאר האט אים גע־צאלט מיט דאס זעלבע. און אז זי האט נאך אמאל געהערט ווי מען רופט אים „סאני", האט זי זיך צעלאכט:

— „סאני!" וואס איז דאס פאר א נאמען? — האט זי זיך מיט אים א רייץ געטאן.

סאני איז אויף דעם ניט געווארען אין כעס אויף איר. נאר ער האט צו איר א שמייכעל גטאן. ער האט גע־האט אזא מאדנעם רייצענדיגען שמיי־כעל.

— אי עס מאי מאדהערם באי (איך בין מיין מאמע'ס א קינד) — האט ער איר ערקלערט אין אן אפלאכענדיגען טאן. — מיין מאמע רופט מיר אזוי פון אלע מאל — „זונעלע".

— יו סי? דהאט'ס וואי (דער־פאר איז דאס) — האט ער אויף עלי־נאר'ן א קוק געגעבען דורך צוגעזשו־מערטע אויגען.

אין דעם גאנג פון אווענט האבען זיי נאך א פאר מאל א שמועס געטאן צווישען זיך. סאני און עלינאר. זיי האבען גערעדט וועגען א גוטען בוך, וועגען א טעאטער־פארשטעלונג. נאר דער שמועס איז געווען א גלייכגילטי־גער, א צופעליגער. אייבי'ן האט סאני ווי איגנאנצען ניט באמערקט. מיט אמאל האט סאני זיך אפגערופען צו עלינאר'ן:

— באי די וועי, מיסס ריווקין, וואו וואוינט איר? מארטהא האט מיר געזאגט אז אין די בראנקס.

— עס איז ניט וויכטיג וואו איך וואוין, — האט עלינאר אפגעענט־פערט. — אין די אווענטען בין איך סיי־ווי קיינמאל ניט אין דער היים. איך בין פארנומען.

— דאך וויל איך וויסען אייער אד־רעס, — איז סאני באשטאנען אויף זיינס.

— איך קען אייך געבען איר אד־רעס — האט זיך אפגערופען אייבי. ער האט ארויסגענומען א נאטיץ־ביכעלע, פארשריבען אויף א בלעטעל און עס דערלאנגט סאני'ן.

— דעם טעלעפאן האט איר אויך פארשריבען?

— יע, — האט אייבי געזאגט. — דעם טעלעפאן אויך. איר האט דא אלץ.

— א דאנק, — האט סאני ארויס־גערעדט, ניט קוקענדיג אינגאנצען אויף אייבי'ן.

שפעטער, אז עלינאר און אייבי זיי־נען געגאנגען אהיים, האט עלינאר גע־זאגט וועגען סאני'ן:

— איך האב ניט ליב אזא סארט באי. ער איז צו פרעך.

— אה, וועלל... — האט אייבי אויף דעם איר נאר געענטפערט.

איינמאל אין א שמועס מיט מאר־טהא'ן האט זיך עלינאר דערוואוסט, אז סאני איז שוין דארט א פאר מאל געווען די לעצטע צייט. מארטהא האט זיך אפילו געוואונדערט, ווייל סאני פלעגט זיך זעלטען ווייזען ביי איר אין שטוב.

— ער קומט צוליב דיר, — האט איר מארטהא געזאגט מיט א באזונדע־רען שמייכעל.

— צוליב מיר? — האט עלינאר זיך געוואונדערט.

—יע, ער האט זיך נאכגעפרעגט אויף דיר.

— אי דאנ'ט קער. ער געפעלט מיר סיי־ווי ניט. — האט איר עלינאר גע־זאגט מיט א זיכערען טאן. דאך האט זי אזוי גיך סאני'ן ניט געקענט פאר־געסען. זיין מאניערע, זיין הפקר'דיי־גער טאן אין ריידען און האלטען זיך איז איר געווען אייגען. עס האט גע־שטימט מיט איר אייגענעם געמיט די לעצטע צייט.

— „ניין. איך וואלט אזא איינעם קיינמאל ניט געקענט ליב האבען". — האט זיך ביי זיך באשלאסען.

## פיר און דרייסיגסטער קאפּיטעל

סעם ריווקין, עלינאר'ס טאטע, האט זיך שוין געהאט איינגעוואוינט מיט זיין לאגע פון זיין אוועק פון דער היים און לעבען מיט פרעמדע מענשען. די איינציגע זאך וואס האט אים אלע מאל געארט איז געווען וועגען זיין טאכ־טער, עלינאר. אפילו אמאל, ווען ער איז נאך געווען אין דער היים, פלעגט אים אפט מאל אן אומרוה באפאלען. צי האבען זיי ריכטיג געטאן, ער און זיין ווייב, אין דעם אופן ווי זיי האבען ערצויגען זייער קינד, אז זי זאל זיין גרייט צו דעם שווערען לעבען וואס עס ערווארט יעדען ערוואקסענעם מענשען. ביידע, ער און זיין ווייב בעלא, האבען עלינאר'ן צופיל געפּיעסטשעט, געזעהן איר אלץ נאכגעבען. אפשר טאקע צוליב דעם וואס ביידע האבען געוואלט אריבערנעמען דאס קינד אויף זייער זייט... און עלינאר איז אויסגע־וואקסען נערוועז און פול מיט קאפּרי־זען. סעם האט ניט איינמאל געקליבען זיך צו האבען מיט זיין טאכטער אן ערנסטען געשפּרעך, צו מאכען איר מער פארשטעהן דאס לעבען, נאר עס איז אלץ ניט צו שטאנד געקומען זייער שמועס.

עלינאר איז געוואקסען שעהן און גראטען און פעאיג און ער, סעם, האט זיך אין איר געשפּיגעלט. און אז עס איז אים דעמאלט געקומען אויפ'ן זיי־נען וועגען עלינאר'ס צוקונפט, ווען זי וועט דארפען קריגען איר באשער־טען, האט ער אין געדאנק זיך פאר־געשטעלט, אז איר חתן וועט זיין עפּעס אזוינס... ער וועט זיין פון דעם העכסטען און בעסטען וואס א מענש קען נאר פארלאנגען.

און שפּעטער, אז סעם איז אינגאנ־צען אוועק פון דער היים, איז זיין גע־וויסען קיינמאל ניט געווען רואיג. ער האט ניט ערפילט זיין חוב צו זיין איינציג קינד. ער האט דעמאלט ניט איבערגעטראכט גענוג ווי אזא טאט זיינער קען חלילה זיך אפּרופען שלעכט אויף עלינאר'ן. ער האט וואויל גע־וואוסט, ווי קינדער פון צעריסענע היימען קענען אמאל זיך פארנעמען אויף שלעכטע וועגען.

נאר ער האט דערנאך זיך אליין גע־טרייסט. ווען ער האט געזעהן, אז עלינאר האט ניט איבערגעריסען דאס לערנען. זי האט פארענדיגט קאלעדזש און געווארען א לערערין אין א סקול. יעדעס מאל ווען זי איז געקומען זעהן איר טאטען האט סעם זיך איינגעקוקט אין איר ליכטיג פנים, מיט איר שעהן צעבליטען אויסזעהן און ער האט זיך איינגערואיגט. עלינאר וועט שוין איר שטעטעל באשטעהן. זי איז א זעלבסט־שטענדיגער מענש. און זי נויטיגט זיך ניט אין קיינעמ'ס הילף.

סעם ריווקין האט פון גארניט ניט געוואוסט, וואס עלינאר לעבט איצט דורך. דעם לעצטען מאל אז ער האט זיך געזעהן מיט איר האט זי אים דער־צעהלט פון איר גליק, וואס זי האט אנגעטראפען אזא בחור ווי לארי, און ווי זיי ביידע האבען זיך ליב, און אז עס רעדט זיך שוין ערנסט וועגען דעם, אז זיי זאלען חתונה האבען. סעם האט נאך לארי'ן ניט געזעהן, נאר ער איז געווען גליקליך מיט דער נייעס. ווערליג עלינאר האט אים דערצעהלט פון לארי'ן האט דאס אויסגעזעהן, אז ער איז גאר א וואזשנער בחור, און סעם ריווקין האט שוין מיט אומגעדולד געווארט, אז ער זאל אים אנקוקען מיט זיינע אייגענע אויגען... אים מער קע־נען... זיך גוט דורכרעדען מיט אים און האבען דעם פארגעניגען צו וויסען, אז ער רעדט צו עלינאר'ס באשערטען.

(ווייטערס — מארגען)




# פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספּעציעל געשריבען פאר׳ן „פארווערטס"

פון ראוז שושנה

(פארטזעצונג)

## ציוויליזירטע חיות

— וואס האלט איר איין דעם מא־טאר, מיסטער לעסקי, וואס וואונ־דערט איר זיך? איר גלויבט עס ניט, עס איז אונמעגליך? ליידער איז עס אמת, יא, יא, עס איז אמת — האט עטעל גערעדט מיט פארביטערונג. — דער קאמענדאנט האט גלייכגילטיג ארויסגעצויגען דעם מאדערנעם אנ־צינדער און פאררויכערט א פּאפּי־ראס... — א מאדערנער אנצינדער, כא־כא, — האט עטעל גערעדט מיט א גיפטיגער איראניע, וואס האט דורכ־גענומען איר גאנץ וועזען — א ציווי־ליזירטע וועלט מיט מאדערנע אנצינ־דערס, מיט ערפינדונגען פון קאלכ־אויוועגס און גאז־קאמערן, א ציוויליזירטע וועלט... א צו וואס די ציוויליזאציע איז דערגאנגען. אמאליגע מענשען־פרעסער האבען דאס אלץ ניט געדארפט, ניט באנוצט זיך מיט דער מאדערנער ציוויליזאציע; אויפגעפרע־סען דעם מענשען, באלעקט זיך און פארטיג. אבער היינט האבען מיר קול־טור, ציוויליזאציע. אבער ווען דער קא־מענדאנט האט נאך געהאלטען דעם מא־דערנעם אנצינדער איז פלוצלינג פון די ברענענדיגע ברעטער ארויס־געשפּרונגען א קליינינקע, דארע, אויסגעמוטשעטע פרוי, מיט ברענענ־דיגע האר, אזוי ווי א פאקעל, מיט א פאר אויגען, וואס האבען מעהר גע־ברענט ווי דאס פייער; אזוי ווי א געטליך געשטאלט איז די ברענענדיגע פרוי צוגעשפּרונגען צום קאמענדאנט, און מיט פויסטען, וועלכע זיינען גע־ווארען שטארק ווי שטאל, אויסגע־גליט פון דעם פייער, געהאקט אין דעם קאמענדאנט'ס אייזערנער ברוסט, גע־נומען רייסען מיט אירע הענט, וועלכע זיינען, דוכט זיך, מיט א סעקונדע פריהער געווען אזוי שוואך. איצט זיי־נען זיי געווארען שטארק ווי שטאל,— זיי האבען גענומען רייסען די גאלדע־נע מעדאלען, וואס האבען באהאנגען זיין ברוסט.

דער קאמענדאנט איז געשטאנען ווי פארשטיינערט, און זי, די דארינקע פרוי, האט געהאקט אין זיין ברוסט, אזוי ווי זי וואלט מיט אירע פאר־ברענטע פינגער ארויפגעווארפען אויף אים אלע אונזערע ליידען, אלע אונ־זערע וועהטאגען, אלע אונזערע קללות. זי האט געשאלטען, געשאלטען אים גלייך אין פנים אריין, געקלאפּט אים אין ברוסט, געקלאפּט מיט אלע כוחות. אלע ארום זיינען געווארען ווי פאראליזירט. די אלע יונגינקע זעל־נערלעך, וועלכע האבען זיך ערשט אזוי געוויילט, וועלכע האבען אזוי געלאכט און מיט אזא ענטוזיאזם גע־שריען: „זיי פּרעגלען זיך! זיי פּרעגלען זיך שוין, די אידען!" זיי האבען איצט פארלוירען דאס לשון; דאס געלעכטער איז פארשטארט גע־ווארען אויף זייערע פּנים'ער; זיי זיי־נען ווי פארגליווערט געווארען אין שרעק, פּיס און הענט האבען זיי אפּ־גענומען, זיי האבען זיך ניט געקענט רירען, ווי עס וואלטען פון זיי געווא־רען סלופּעס, שטיינער...

ווי אזוי האט די קליינינקע, דא־רינקע פרוי זיך ארויסבאקומען פון די פלאמען? ווי אזוי איז זי צוגעלאפ־פען צום קאמענדאנט? וואס איז דא געשעהן? דאס האט קיינער ניט גע־וואוסט, ניט פארשטאנען. עס איז גע־שען אזוי פלוצלינג...

—א נס?! — האט דזשייקאב אי־בערגעשלאגען.

— אויך דער קאמענדאנט איז גע־שטאנען ווי א פּאפּלעקציע וואלט אים געטראפען. ער האט ניט רעאגירט און ניט געווערט זיך, ווען די „יודין" האט אים באריהרט מיט אירע אידישע הענט — האט עטעל פארטגעזעצט — און פון דער אומגליקליכער פרוי האט זיך געשאטען פעך און שוועבעל, ווייטאג, פּיין, שרעק פון טויט, עלענד, הונגער, צער, אלץ האט זי גע־ווארפען אויפ'ן קאפּ פון דעם קאמענ־דאנט — פאר זיך, פאר איר מאן, פאר אירע קינדער...

אייניגע קוילען האבען זי אויסגע־צויגען ביי די פּיס פון קאמענדאנט, אבער איידער זי איז געפאלען, האט זי נאך באוויזען אנצושפּייען דעם קא־מענדאנט אין פּנים אריין.

עטעל האט אויפגעהויבען מיט שטאלץ איר קאפּ און געזאגט:

ווייסט איר, מיסטער לעסקי, ווער עס איז געווען אט יענע דארע, קליינע פרוי? מיין מאמע, בלומטשע... אט יענע שטאלצע בלומטשע, וואס איר האט געקענט אלס יונגע מיידעל.

אלע זיינען געבליבען שטיל, קיינער פון זיי האט מער קיין ווארט ניט געקאנט ארויסריידען.

דזשייקאב'ס קאר איז געלאפען אי־בער דער באלויכטענער „טאימס סקווער", וועלכע האט שעמערירט מיט טויזענטער קאלירען. עס האבען גע־וואונקען פארשיידענע גרויסע ליכט־רעקלאמען, אנאנסען פון מאוויס, וואָ־דעווילס, טעאטערס, שפּילהייזער, קא־באַרעטען, רעסטאראנען און קאפּעטע־ריעס. מענשען זיינען געלאפען, גע־שטופּט זיך, ווער צו די רייען אריינ־צוקומען אין א גוטען רעסטאראן צום דינער; ווער צו די קאסעס פון די טעאטערס און אנדערע צו די סאב־וועיס, צו די באסעס. און די אנגעצונ־דענע לעמפּלעך האבען געשריען: „דא ווערט געשפּילט א קאמעדיע"; „דא ווערט געשפּילט א פארס", „א מעלא־דראמע"; דא שפּילט מען „די גע־גנב'עטע כלה"; „די פארשטערטע חתונה"; „אין משוגעים־הויז".

מאיקראפאנען האבען געשריען, ראדיאס האבען געשפּילט און די טע־נער האבען זיך אויסגעמישט מיט דעם געזאנג און געלעכטער פון א פארביי־פארענדיגער קאר, און די קלאנגען האבען זיך אויסגעמישט מיט דעם פייפען פון אן אמבולאנס־הארן, וועל־כער האט געפירט א גוסס. עס האָ־בען אויך געקלונגען די גלאקען פון די פייערלייט, וואס זיינען געלאפען לע־שען א שרפה. זייער בליק האט זיך צוזאמענגעגאסען מיט דער גרויסער קאווע־רעקלאמע, וואס האט זיך גע־גאסען פון א וואנט, פון וועלכער עס איז געגאנגען א פּארע.

ס'איז געלאפען א קאר אין וועלכער עס זיינען געזעסען צוגעטוליעט איינס צום אנדערען א פארליבט פּארעל, און דאס פּארעל איז געווען בייז, וואס זיי מוזען זיך אפּשטעלען און דורכ־לאזען דעם אמבולאנס און די פייער־לייט. זיי האבען זיך אויך געאיילט. ביי זיי האט געברענט די ליבע ווי א העליש פייער. זיי האבען געוואלט זיין וואס ווייטער פון מענשליכע אויגען.

אבער צווישען די אלע קארס איז געפארען איין קאר אהן א ציל. אט אין דער קאר זיינען געזעסען מענשען און האבען שטיל געבליפּעט

די קאר האט אין זיך פארמאגט אלץ, וואס די מאוויס האבען אנאנ־סירט; מעשות וועגען משוגעים און תחית המתים — אלץ האט מען דא געהערט... אבער דאס זיינען ניט גע־ווען קיין מאוויס, קיין טעאטער, קיין וואדעוויל, נאר די ווירקליכקייט, די אומגלויבליכע ווירקליכקייט. אט די מענשען אין קאר האבען דאס אלץ מיטגעמאכט אויף דער בינע פון לע־בען, וואו די רעזשיסארען זיינען גע־ווען דייטשע מערדער.

זיי האט ניט אינטערעסירט די ברענענדיגע ליכט פון די מאוויס, זיי האט ניט אינטערעסירט דער טומעל און געפילדער, אין זייערע כוחות האט גערוישט אן אנדער טומעל, אן אומ־גלויבליכער, אבער דאך א דורכגע־לעבטער.

(ווייטערס מארגען)

# טש. זימערמאן דערציילט קאטוילישן מיטינג וועגן דער אידישער לאגע הינטער'ן „אייזערנעם פאראהאנג"

(פון א רעפּארטער)

דער גייסטיגער און מאראלישער חורבן, וועלכען עס לעבט איבער די אידישע באפעלקערונג אין סאוועט־רוסלאנד און אין די סאוועטיש־באַ־הערשטע לענדער, איז געשילדערט געווארען פון טש. זימערמאן, מענע־דזשער פון דרעסמאכער לאקאל 22, אינטערנעשאנאל, אין אן אינטערע־סאנטען רעפעראט אויף א צוזאמענ־קונפט פון קאטוילישען אינטער־רעי־שאנעל קאונסיל, וואס איז אפּגעהאל־טען געווארען דעם לעצטען דאנערש־טאג אין ניו יארק.

טש. זימערמאן איז דער פּאַרזיצער פון דער אפּטיילונג פון אידישען אר־בייטער קאמיטעט פאר'ן קאמף געגען אנטיסעמיטיזם און דיסקרימינאציע; און דער קאטוילישער קאונסיל איז איינע פון די וויכטיגסטע ניט־אידישע ארגאניזאציעס, מיט וועלכער דער אי־דישער ארבייטער קאמיטעט קאאפּע־רירט אין זיין סיסטעמאטישער אויפ־קלערונגס־ און פּראפּאגאנדע־ארבייט פאר בעסערע באציאונגען צווישען אנ־געהעריגע פון פארשיידענע ראסען און רעליגיעס.

צו דעם מיטינג זיינען געקומען די וויכטיגסטע טוערס פון קאטוילישען אינטער־רעישעל קאונסיל, פארשטייער פון דער קאטוילישער פּרעסע און פון די גרעסטע קאטוילישע ארגאניזא־ציעס. עס זיינען אויך געווען פאר־שטייער פון נעגער־ארגאניזאציעס.

איבער א שעה צייט האט זימערמאן געהאלטען געשפּאנט די אויפמערקזמ־קייט פון די צוהערער מיט זיין שיל־דערונג וועגען דער אמת'ער לאגע פון די אידען הינטער'ן אייזערנעם פאר־האנג. די טראגעדיע פון די פארשוואונ־דענע אידישע שרייבער אין סאוועט־רוסלאנד, דאס ליקווידירען די אידישע פּרעסע, דאס דערשטיקען די אידישע ליטעראטור, די ווילדע פארפאלגונגען אויף שרייבער, ארטיסטען און קריטי־קער פאר דער זינד פון „קאסמאפּא־ליטיזם" — דאס אלץ האט זימערמאן איבערגעגעבען אין א זאכליכער פארם, אן שום שארפע ארויסטרעטונגען און אראטארישע באפּוצונגען, אלץ פּאקט־טען פון לעבען, וואס יעדען באשטע־טיגט פון זיכערע קוועלען.

ער האט אנגעוויזען אויף דעם, אז דאס אידיש לעבען אין די לענדער פון פוילען, טשעכאסלאוואקיע, רומעניע און אונגארן, וואס זיינען ארונטערגע־פאלען אונטער סאוועטישער הערש־שאפט, גייען אין דעם זעלבען וועג ווי אין סאוועט־רוסלאנד. פאר־ביגייענדיג האט ער דערציילט די קאטוילישע צוהערער וועגען דעם מורא'דיגען חורבן וואס די אידען האָ־בען איבערגעלעבט אין דער מלחמה. די לעבען געבליבענע, וואס האבען זיך געראטעוועט פון אט דעם גרעסטען אי־דישען חורבן, ווערען איצט אונטער־דריקט אלס א נאציאנאלע מינדערהייט דורך דעם סאוועטישען רעזשים.

אפשר נאך אינטערעסאנטער ווי דער רעפעראט איז געווען די דיסקוסיע, וואס האט זיך אנטוויקעלט נאך זי־מערמאנ'ס רעדע. פיל פון די דער־ציילטע פאקטען פון אידישען לעבען הינטער'ן אייזערנעם פאראהאנג האבען א טייל פארזאמעלטע, קענטיג, צום ערשטען מאל געהערט.

אייניגע פון דעם פארזאמעלטען עולם האבען געפאדערט מער איינצעל־הייטען וועגען סאוועטישע פארפאל־גונגען אויפ'ן רעליגיעזען לעבען פון אידען און פון דער באפעלקערונג אין אלגעמיין.

פאר'ן פרעמדען בעאבאכטער אין אט דער קאטוילישער פארזאמלונג זיינען ספּעציעל געווען אינטערעסאנט ספּעציעל אייניגע פראגען וואס זיינען געשטעלט געווארען, נישט גלאט פראַ־גען פון נייגעריגקייט וועגען, נאר מיט א געוויסען פארוואורף אין אינהאלט, הגם ניט אין טאן. די פראגען זיינען געווען: אויב די אידען ווערען אזוי פארפאלגט אין רוסלאנד, טא פארוואס זיינען ביי אונז אין לאנד פאראן אזוי פיל אידישע יונגעלייט און מיידלעך, וואס פירען קאמוניסטישע פּראפּאַ־גאנדע?

זימערמאן האט אין זיין ענטפער זיך אפּגעשטעלט ספּעציעל אויף די פראגען פון דעם סארט און ער האט מיט גרויסער איבערצייגונגס־קראפט אויסגעפירט, אז עס איז גאנץ פאלש און ממש א בלבול אויף אמעריקאנער אידען, אויב מען זאגט אז צווישען אי־דען זיינען פאראן מער קאמוניסטען ווי צווישען אנדערע באפעלקערונגס גרופּען. ער האט ספּעציעל דערציילט פון זיינע ערפארונגען אין דייוויאנס.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם האט ער אנגעוויזען אויף דעם אידישען ארביי־טער קאמיטעט, וואס פארמאגט א האלבען מיליאן ארגאניזירטע אידישע ארבייטער און פירט א שארפען קאמף געגען דער קאמוניסטישער דעמאגא־גיע. ער האט אויך אנגעוויזען אויף דעם, אז דער פּרעזידענט פון דער אינ־טערנעשאנאל, דוד דובינסקי, איז זינט יארען און יארען דער שטענדיגער ציל־ברעט פון די גיפטיגסטע פייל'ען פון די קאמוניסטען און זייערע נאכלויפערס, דערפאר וואס ער באקעמפט קאמוניזם מיט דער גאנצער ענערגיע, אפילו אין יענע יארען ווען עס איז אין אמעריקע געווען א געוויסע מאדע־זאך אין אלע געזעלשאפטליכע קרייזען צו מאכען חנ'דלעך צום קאמוניזם.

מען איז אוועקגעגאנגען פון דעם אווענט מיט דעם באוואוסטזיין, אז א וויכטיגע אויפקלערונגס ארבייט איז דא אויפגעטאן געווארען.















# אלעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אין א זונטאג אין דער פרי, אז סעם האט ניט געדארעפט אײלן זיך אױפצושטעהן, איז ער געבליבען ליגען אין בעט מיט די אויגען וואך ביז שפעט אין טאג אריין. און ער האט דעמאלט געפיהלט אין זיך א מין איינזאמקייט, ציי אפשר א בענקשאפט נאך זיין געוועזענער היים. אזוי פיל יארען זיינען שוין אוועק און פונדעסטוועגען... ער האט געהאט אין טיש־קעסטעל ליגען א פאטאגראפיע פון זיי אלע דריי: ער און בעלא און עלינאר. ער האט עס ניט ארויסגעשטעלט אויף זיין טישעל, זאל אים ניט זיין פאר די אויגען. צוויטאגדיג איז פאר אים געווען די דערמאנונג פון דער צייט ווען זיי אלע זיינען נאך געווען צוזאמען. נאר פון צייט צו צייט פלעגט ער ארויסנעמען די פאטאגראפיע פון שופלאד און זיך איינקוקען אין דעם מיט א אומעט אין הארצען.

ער האט זיך אפגעשטעלט לענגער אויף בעלא'ס פנים. אירע אויגען האבען געקוקט אויף אים אי דרייסט, אי ארויסרופענדיג: — „דער קוקעלע אירער" — האט ער זיך דערמאנט. עס האט אים אי גערייצט, אי געצויגען צו קוקען מער. פון עלינאר'ן האט ער זיך דערוואוסט, אז בעלא איז אריין אין ביזנעס און זי פארדינט גוט. נו, יע, צו דעם האט זי דאך אלע מאל געשטרעבט. איר נאטור ארויפצוקוקען צו די וואס פארמאגען א סך, אנדערע האבען ביי איר קיין ווערדע ניט געהאט. דאך האט ער שוין ניט געפיהלט אזוי די ביטערקייט אנטקעגען זיין ווייב, ווי אין די ערשטע פאר יאר נאך זיין פארלאזען די שטוב. די צייט מאכט א סך וואונדען פארהיילען זיך.

ניט איין מאל האט אים ארומגענומען א שטארקער פארלאנג צו אויסקלייבען זיך ווען־עס־איז און קומען צוגעהן אהין, זעהן ווי זיי לעבען, עלינאר און די מאמע. נאר באלד האט ער דערפיהלט, אז ניין. ער קען דאס ניט טאן. וואס האט אים, סעמ'ען אפגעהאלטען, אז ער זאל קומען אמאל אהין, צו זיין געוועזענער היים?...

זונטאג איז סעם געזעסען ביים טיש אינאיינעם מיט זיין אלטען פריינט מעקס בערעזאווסקי און זיין ווייב סערע. סעם איז ביי זיי שוין געווען פארערעכענט ווי אן אייגענער גליד פון זייער משפחה. מעקס'עס קינדער האבען שוין אלע חתונה געהאט און זיי האבען געוואוינט יעדערער אין זייערע באזונדערע היימען. דאס אלטע פארפאלק האבען געהאט צווישען זיך א גוט לעבען. וואס עלטער, אלץ צוגעבונדענער זיינען זיי געווארען איינער צום אנדערען. סעם האט ליב געהאט די פריידליכקייט פון א זונטאגדיגען טאג, ווען דער מאן איז אין דערהיים מיט זיינע אייגענע. ער איז דאך געווען פון דער נאטור א פאמיליען־מאן, און געמיטליכקייט און ווארימקייט פון א ריכטיגער היים האט אויף אים אויך אנגעווייהעט א גוטע שטימונג.

מאן און ווייב האבען ביים עסען כסדר זיך איבערגעווארפען מיט „שארפע" ווערטלעך. און אין א גרינגמוטיגען טאן האט סערע אפט אויסגערעדט איר מאן:

— מיסטער, דו האסט היינט א גאנצע נאכט מיך ניט געלאזען שלאפען מיט דיין כראפען.

— און דו, — האט ער איר באלד באשולדיגט אויף צוריק — דו הערסט ניט ווי דו אליין כראפעסט.

און ביידע האבען געלאכט מיט א גוטמוטיגען און הארציגען געלעכטער. און סעם האט מיט זיי מיטגעלאכט. נאר ביי זיך אין געדאנק האט זיך אים געטראכט פון אנאנדער זונטאג, אמאל, ביי אים אין דערהיים. ביי בעלא'ן איז דעמאלט געווען א צייט פון האבען טענות צו אים פאר אלע זיינע זינד וואס ער איז אנטקעגען איר באגאנגען. „יא, אזוי איז דאס, פארפאלען!"— האט סעם ביי זיך אפגעמאכט. פאראן אלעקליי לעבענס. ער האט געקענט א פאר־פאלק, וואס די פרוי איז געווען א קלוגע, א פעהיגע. זי האט געוואוסט, אז איר מאן איז א קליין מענשעל, א שוואכלינג. נאר זי האט אלע מאל גע־זעהן ארייננגעבען אין אים מוט. זי האט גערעדט וועגן אים ווי פון א וויכטיגען מענשען, ווי צו וועלען אים מאכען מער גלויבען אין זיך אליין...

סעם האט אויך געוואוסט פון אנדערע מענער, וואס האבען געפירט א פארהייראטען לעבען מיט א פרוי, וואס איז זיי ניט געווען צום הארצען. און זיי האבען געהאט אין דער זייט א גע־ליבטע. און נאך איינעם האט סעם גע־קענט, א וויכטיגען טוער אין אן ארגא־ניזאציע, היימי קאהען האט ער געהייסען. ער האט געהאט א גרויסען נאמען און זיין ווייב האט זיך צוליב דעם גע־האלטען גרויס, געבלאזען פון זיך, ווי זי וואלט אויפגעמאנט דעם כבוד וואס עס קומט איר מאן. היימי קאהען האט פיינט געהאט זיין ווייב'ס אנשטעל. ער האט פון דעם געליטען, נאר ער האט אירע הסרונות פארקוקט און איז ער פון איר ניט אוועק. אז סעם האט פון דעם אלעמען געטראכט, איז אין אים אויפגעקומען די אלטע פראגע, צי האט ער אליין גוט געטאן וואס ער איז אוועק פון דערהיים. עס זיינען דאך געווען צווישען אים און בעלא'ן גוטע מינוטען אויך... דעמאלט ווען זיי האבען זיך ניט געקריגט. זיי זיינען צוזאמען אויס־געגאנגען אמאל פארברענגען און זיי האבען איינע צו די אנדערע געגלוסט.

א שולדיגקייט־געפיהל האט סעם אין זיך דעמאלט געטראגען; אפנעטאן א זאך אין היץ פון קריג און ערשט איז שוין פארפאלען. צוריק געהט מען ניט. א מענש קען אמאל מאכען א פאלשען טראט. אז זיין נאנצען לעבען זאל ער דאס האבען צו פיהלען. ער האט, טראכטענדיג אזוי, ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ: „פארפאלען!"...

סעם ריווקין און מעקס בערעזאווסקי זיינען שוין פאר יארען געווען גוטע פריינט. זיי זיינען ביידע געווען אר־בייטער פון א שאפ און זיי האבען בייד־דע געהאט די זעלבע אינטערעסען. נאר מעקס איז געווען עלטער אין יארען און מער אפגענוצט אין כוחות, איידער סעם. ער איז אריבערגעקומען אהער אין לאנד א סך פריהער פון סעם ריווקין'ען און ער האט געצייגען זיין יחוס נאך פון אמאל, ווען ער איז געווען איינער פון די פירער אין די ערשטע גרויסע סטרייקס ביי די קלאוקמאכער. סעם, ווידער, איז געווען מער אנגע־לייענט איידער מעקס און פון אלע מאל האט ער ליב געהאט זיך צו גרונטעווען אין דער טיף. אין א שמועס מיט מעקס'ן האט ער כסדר אנגעוויזען אויף די איבלען וואס מאכען אונזער לעבען מיאוס און וואכעדיג:

— מען וואלט באדארפט ארייננברענ־גען מער גייסט אין דעם ארבייטער'ס לעבען, — פלעגט ער זיך צעווארימען — מענשען זיינען געווארען גלייכגיל־טיג. זיי פארלירען דעם אינטערעס צו אלץ. די לאגע איז אזא, אז עס קומען גאר ווייניג מענשען צו די מיטינגען ווען עס האנדעלט זיך צו באשליסען א וויכטיגע פראגע. פאראן אזעלכע פי־רער, וואס האלטען א רעדע א שעה צייט, ווען מען קאן עס מאכען אין א צען מינוט, און צום פונקט. דער ענין ווערט דערטרונקען אין רייד.

סעם האט גערעדט וועגען דער ברייטער מאסע ארבייטער, וואס בוילען זיך אליין צו טראכטען. זיי פארלאזען זיך צופיל אויף די פירער, אז מען זאל זיי געבען פארטיגע זאכען. די מאסען לא־זען זיך אלץ איינריידען. ער, סעם, איז ניט געווען אזוי. ער איז אין זיין יוגענט, דארט אין דער אלטער היים, אנגעריירט געווארען פון דער רעוואלו־ציאנערער באוועגונג און עס זיינען אין אים פארזייט געווארען העכערע בא־גריפען פון גייסט. ער האט ליב גע־האט א סך צו לייענען, געהאלטען די אויגען אפען און געזעהן ווייטער ווי א סך אנדערע.

— מען קאן דאס נאך איבערמאכען, אזא לאגע, — האט ער זיך געהיצט — אז מען זאל נאר וועלען. מען דארף די מענשען געבען מער לעהרע...

מעקס האט אים געהאלטען פאר א בעל־חלומות, א טרוימער, וואס וויל פארקירעווען די צייט אויף צוריק, און ער האט זיך אויך צעווארימט:

— וואס ווילסטו פון די מענשען? מען ארבייט אפ א טאג, עס איז שוין ניט דאס וואס אמאל. מענשען ווערען עלטער, מען איז מיד און עס גלוסט זיך מער זיצען אין דערהיים. ער, מעקס, האט דעמאלט ליב געהאט דערמאנען יענע ערשטע ציימען מיט א פינף־און־צוואנציג יאר צוריק. יענע ערשטע קאמפען פון די ארבייטער פאר זייער מענשליכען רעכט. די יוניאן־מיטינגען האבען דעמאלט געברויזט מיט לעבען, די זאלען זיינען געווען געפאקט מיט ארבייטער און די רעדנער האבען אנ־געצונדען דעם עולם.

— פונדעסטוועגען האט מען דאך עפעס אויפגעטאן, — האט מעקס אנ־געוויזען סעמ'ען — דו געדענקסט ווי מען האט אמאל געשקלאפט? מען האט געארבייט ואר אהן אן אפשטעל. דו ביסט נאך דעמאלט דא ניט געווען. ביסט געקומען צו פארטיגע זאכען...

מעקס האט רייזענדיג געהאט א גע־וואוינהייט א ציה טאן די הויזען אויף ארויף, אננעמענדיג מיט ביידע הענט פאר'ן פאסיק. זיינע האר זיינען אים אנטלאפען אויף צוריק און איבערגע־לאזען א הוילען שארבען. און דאס האט אים געמאכט אויסזעהן ווי א פראפע־סאר. אז מעקס האט גערעדט, האט סערע, זיין ווייב, געקוקט אויף אים מיט באגייסטערטע אויגען. סעם האט געוואוסט, אז זי איז אלעמאל געגאנ־גען מיט איר מאן אין טראט. זי האט אים אונטערגעהאלטען אין מוט ווען עס איז געווען סלעק, אדער ווען ער האט דורכגעמאכט א סטרייק, און אין אירע אויגען איז ער געשטאנען זעהר הויך.

„יא, אזוי איז דאס," האט סעם ביי זיך געטראכט, כאפענדיג א קוק אויף סערע'ן.

איז ער דעמאלט מקנא געווען מעקס'ן וואס ער האט אזא ווייב? ער האט נאר געוואוסט איין זאך, אז זיין אייגענער, פערזענליכער לעבען האט זיך ניט איינגעגעבען.

(ווייטערס — מארגן)

# אידען אין קאליפארניער סביבה

פון ה. לאנג

(שלום פון פעידוש 2, סעקשאן 2)

זען דעם זון־אויפגאנג פון פסח־פרי־מארגען, וואס עס גיט, אז מ'וועט דארטען דעמאלט אויך „זען" דאס „צוריקקומען" פון יעזוס'ן. ס'איז גע־ווארען א טראדיציע אין זיד־קאליפאר־ניע, דער עיקר ביי פראטעסטאנטען. מען פירט עס דורך מיט טעאטראלי־שע עפעקטען, פרום־סצענירטע גע־זאנגען וועגען דער „קרוסיפיקאציע" און קריסטוס'עס „תחית המתים"; און הינטער דעם איז קאנקורענץ מיט דער קאטוילישער קירך, וואס פירט גראד דורך אירע פסח־צערעמאניעס אין די קלויסטערס גופא. די קאטוילישע קלוי־סטער־וועלט איז מיט זיך זיכער אין זיד־קאליפארניע. די פארבליבענע שפא־נישע מאנאכישע מיסיאנס־הייזער העלפען איר אין דעם. אירע הייליגע שטייען פאראייביגט אין די נעמען פון צענדליגע שטעט און הונדערטער קליי־נע ישובים. די פראטעסטאנטישע טשוירטש־וועלט איז איר מקנא, פירט זי דורך די „סאנראיז"־פייערונגען מיט יעזוס־ספעקטאקלען, וואס זאלען איר פארשאפען פאפולאריטעט אויף א גאנץ יאר.

אויף דריי ערטער איז דאס בפירוש גרויסע דראמע: אין'ם „האליוואוד באול" אין לאס אנדזשעלעס און אין'ם „ראוז באול" אין פאסאדינא (טעא־טערס פאר צענדליגע טויזענטער אונ־טער'ן פרייען הימעל), און אויפ'ן נא־קעטען בארג „רובידאו" אין ריווער־סאיד. מען פירט דארטען ניט אויף די „פעשאן שאו" — דאס ניט. דאס וואלט שוין געווען צופיל. עס איז אבער גענוג דער פילגרים־גאנג אהין דורך דער גאנצער נאכט, ביז'ן ערשטען פאס ליכט אויפ'ן הימעל, וואס זאגט־או, אז די זון קומט ארויס, און דאן באלד די צערעמאניע מיט ליכט און געזאנג און קירכליכער דעקלאמאציע.

די טאפאגראפיע איז אין דעם אן אומגעהויערע הילף. די בערג מיט די טראפישע פלאנצען ארום זיי דערמא־נען די אומגעבונג פון ירושלים, בית־לחם און נצרת. אז איך האב געקוקט פונ'ם בארג „רובידאו", האב איך גע־מיינט, אז איך זעה דעם עמק אין גליל; און פון אן אנדער פונקט אין אנטקעגען־געשטאנען די שטיינערנע נאקעטקייט וואס ארום ירושלים.

קריסטליכקייט אין זיד־קאליפארניע איז געדיכט, און אין דער פסח־וואך איז דאס מיט א ווערד, און די פרעסע איז פול דערמיט, איז געזעלשאפטליך לעבען ממילא שארף פאנאנדערגע־טיילט — יעדע אמונה מיט איר אייגענעם יום־טוב.

און מיט'ן אייגענעם יום־טוב ביי אידען, און אויך וואס גערעכטער, איז דער גרויסער ווידערשטאנד—ניט צו לאזען זיך פארשלינגען פון דער קריסט־ליכקייט.

די ספעקטאקעלדיגע קריסטליכקייט ברענגט דא ניט קיין אידען־שנאה און זי רופט ניט צו אסימילאציע. זינ־גען פרייע אידען זייערע אייגענע יום־טוב־געזאנגען וועגען דער אייגענער ירושלים ווי צו זאגען דערמיט די שכנים: מיר זיינען זיך גוטע־פריינט, אבער א לעבען האבען מיר אן איי־גענעם, און אן אייגענע גייסטרייכע געשיכטע. מען זינגט אין די היימען ווי אין די שולען, ווערען דורך דעם נייע גייסטיגע כוחות פאר ווייטערדיגער זעלבסטשטוירדע...

# טאָלסטאָי און זיין ווייב

די שטורעמדיגסטע יאָרן פון טאָלסטאָי'ס פאַמיליען־לעבן. — לעצטער טייל פון דעם לעבענס־ראָמאַן פון דעם גרויסען שריפטשטעלער.

פון לעאָן קרישטאַל

(פאַרטזעצונג פון פרייטאָג)

יענעם זומער — אין 1910 — האט טשערטקאָוו געוואוינט אין דעם דאָרף טעליאטינקי, ניט ווייט פון יאסנאיא פאליאנא. ס'איז געווען ניט מער ווי נאטירליך, אז ער זאל אפט באזוכען טאָלסטאָי'ען, אבער סאָניא האט אים ביי יעדער געלעגענהייט געגעבען צו פיהלען, אז ער איז ניט ווילקאמען ביי איר אין הויז. אויב טשערטקאָוו איז זיך פארזעסען אביסעל לענגער אין אווענט, האט זי אהן שום צערעמאָניעס אים געזאגט הויך אויפ'ן קול, אז ס'איז שפעט און ס'איז צייט צו געהן שלאפען.

די אונהעפליכקייט פון זיין ווייב צו זיין בעסטען פריינט און געטרייסטען אנהענגער, האט שטארק געקרענקט טאָלסטאָי'ען, אבער דאס איז ניט געווען דאס ערגסטע. אמשוועריסטען איז אים געווען איבערצוטראגען דאס וואס אין יאסנאיא פאליאנא האט סאָניא אים קיינמאל ניט געלאזט בלייבען אליין מיט טשערטקאָוו'ן. טאָלסטאָי האט דעריבער פארגעצויגען צו פארען מיט ווזיטען קיין טיעלאטינקי, אבער סאָניא איז יעדעס מאל געוואָרען אזוי היסטעריש אז ער האט איר צוגעזאגט מער ניט צו פארען אהין אהן איר ערלויבעניש.

אויף מארגען נאכדעם ווי טאָלסטאָי האט אפגענומען זיינע טאג־ביכער ביי טשערטקאָוו'ן און האט זיי אריינגעלעגט אין א באנק אין טולא, האט סאָניא אנגעווענדעט א שפּאנעלנייע מעטאָדע צו פועל'ן ביי אים, אז ער זאל די טאג־ביכער איר אוועקגעבען. אין קארידאָר, ביי דער טיר פון זיין שלאפצימער, איז זי געפאלען פאר אים אויף די קניה, האט ארומגענומען זיינע פיס און האט היסטעריש געשריען צו אים:

„דאס איז מיין לעצטע פאָדערונג. גיב מיר דעם שליסעל צו די טאָגביכער, אדער שרייב מיר אן א באפולמעכטיגונג, אז מ'זאל זיי מיר ארויסגעבען. איך גלויב, אז דו וועסט זיי נאך ווידעראמאל אוועקגעבען טשערטקאָוו'ן."

„שטעה־אויף, איך בעט דיך", — האט זיך טאָלסטאָי ביי איר געבעטען מיט א ציטערדיגער שטימע, — „אום גאָטעס ווילען, וואס ווילסטו האבען פון מיר?"

זי איז אויפגעשפרונגען און איז אריינגעלאפען צו זיך אין צימער. א מאמענט איז געווען שטיל. טאָלסטאָי איז געשטאנען א דערשלאגענער, אבער ער האט ווידער דערהערט איר שטימע.

„איך האב געטרונקען אפּיום. איך האב זיך פאַר'סמ'ט", האט זי געשריען פון איר צימער ארויס.

טאָלסטאָי איז אריינגעלאפען צו איר. ער האט זי געטראפען זיצענדיג אויף א שטול. מיט א גלאזענער שטימע האט זי אים געזאגט:

„איך האב דיך אפּגענארט. איך האב נאך ניט איינגענומען דעם גיפט."

און זי האט אויסגעבראכען אין א היסטערישען געוויין.

די היסטערישע סצענעס וואס זי האט געמאכט טאָלסטאָי'ען זיינען געווארען אלץ אפטער און אלץ שטורעמדיגער. דער עיקר האט זי געשטורעמט געגען טשערטקאָוו'ן, וועמען זי האט באטראכט פאר איר געפערליכסטען און שטארקסטען שונא.

טאָלסטאָי האט יענעם זומער באקומען א טבע פון חלש'ן. ער פלעגט פון צייט צו צייט פארלירען דעם באוואוסטזיין אויף עטליכע מינוט און מ'האט אים געמוזט מינטערען ביז ער איז געקומען צו זיך. סאי סאָניא, סאי טשערטקאָוו האבען מורא געהאט, אז ער זאל ניט שטארבען אין פארלויף פון אזא אנפאל, און ביידע האבען זיך דעריבער געאיילט. סאָניא האט זיך געאיילט פועל'ן ביי אים — אז ער זאל איר אוועקגעבען זיינע טאגביכער און אנדערע שריפטען וואס זיינען נאך ניט געווען געדרוקט און אז ער זאל ניט אונטערשרייבען קיין אפיציעלע צוואה; טשערטקאָוו האט זיך געאיילט דורכצופירען אלע נויטיגע פארמאליטעטען, אז טאָלסטאָי'ס צוואה זאל האבען די פולע געזעצליכע מאכט, זי איז געווען איינגעציינגט, אז אויב טשערטקאָוו וועט זיינס אויספירען וועט זי פארלירען יעדע רעכט און יעדע דעה אויף איר מאנ'ס שריפטען.

דאקטוירים האבען שוין לאנג געהאט ערקלערט, אז זי איז גענויגט צו היסטעריע פון זינט עס האט זיך אנגעהויבען ביי איר די ענדערונג אין איר לעבען אלס א פרוי. אייניגע דאקטוירים, נערוועו־ספעציאליסטען, האבען דערצו געזאגט, אז זי האט א נויגונג איינצורעדען זיך אז מ'פארפאלגט זי און אנדערע ווילדע זאכען, און אז דעריבער ווערט זי אזוי לייכט היסטעריש. עס קאן זיין, אז די דאקטוירים האבען געהאט רעכט, אבער עס איז אויך א פאקט, אז זי האט געהאט איבערגענוג אורזאכען צו פארדעכטיגען, אז עס ווערען אין געהיים אפגעטאן זאכען געגען איר ווילען און געגען אירע אינטערעסען. אונטער אזעלכע אומשטענדען האט זי געקאנט ווערען היסטעריש אפילו אז זי זאל ניט האבען געליטען פון קיין שום נערווען־קראנקהייט.

איר כעס אויף טשערטקאָוו'ן האט געהאלטען אין איין וואקסען. זי האט אפט פארלאָרען דעם זעלבסט־קאנטראל אויף אזויפיל, אז זי האט געטראשעט אריינצושטעכען א מעסער „אין זיין פעטען קערפער אריין". אין איר פארביטערונג האט זי פארלאָרען יעדע מאס פון אנשטענדיגקייט צו א געגנער און האט זיך צוזאמענגערעדט מיט זייערער א שכנה, מיט איינער א פרוי אנא זווענגינצעווא, וועלכע איז געווען טשערטקאָוו'ס א שונא, אז זיי זאלען אים מסר'ן פאר דער פאליציי אום ער זאל ארויסגעשיקט ווערען פון יענעם ראיאן, ווי ער איז שוין פריהער געהאט ארויסגעשיקט געוואָרען. יענעם זומער האט די פאליציי געמאכט א זוכונג ביי טשערטקאָוו'ן אין הויז.

אזוי ווי איר ביטערקייט האט ניט געהאט קיין גרענעץ, אזוי האט זי זיך ניט אפּגעשטעלט פון קיין מיטעל אוועקצורייסען איר מאן פון טשערטקאָוו'ן און זיין איינפלוס. זי האט אפילו באשולדיגט טאָלסטאָי'ען אז ער איז ניט־נאָרמאל און אז ער פירט א „ליבע" מיט טשערטקאָוו'ן. צו „באווייזען" איר באשולדיגונג, האט זי פאר אייניגע געסט און מיטגלידער פון איר פאמיליע פארגעלייענט א שטעלע פון טאָלסטאָי'ס א טאגבוך, וואס ער האט געשריבען, ווען ער איז אלט געווען 23 יאר. אין יענער שטעלע פון זיין טאג־בוך האט טאָלסטאָי באשריבען א מאדערנעם ווארימען געפיהל, א סארט ליידענשאפט, וואס ער האט איינמאל געפיהלט צו א מאן, וועלכען ער האט שטארק פארעהרט. זי האט דאס געבראכט אלס א באווייז אז איר מאן, דער פאטער פון אירע קינדער, איז פעהיג, אויך אן „אוננא־



טירליכער ליבע" מיט אן אנדער מאנס־פּערזאן.

די דאזיגע באשולדיגונג אירע האט אזוי געווירקט אויף אייניגע פון אירע קינדער, אז זיי האבען געמיינט, אז זי געהט פון זינען אראפ. זיי האבען דעריבער אראפּגעבראכט צו איר צוויי דאקטוירים, זייערען א פאמיליען־דאקטאר ד. וו. ניקיטין און א נערוועו־ספעציאליסט דאקטאר ג. ראסאלימא. דער נערוועו־ספעציאליסט האט זי גרינטליך אונטערזוכט און האט ערקלערט, אז זי ליידט פון א גאנץ ערנסטער גייסטיגער קראנקהייט — פון „פאראנאיא און היסטעריע". אלס מיטלען צו פארלייכטערען איר צושטאנד און צו קורירען זי האט ער „פארשריבען" — אפּטע בעדער, שפאצירען און צעשיידען זיך מיט'ן מאן אויף א שטיק צייט.

סאָניא איז געווען אויסער זיך פון כעס, ווען זי האט דערהערט וואס דער נערוועו־ספעציאליסט הייסט איר טאן. זי האט אפילו ניט געקאנט טראכטען וועגען שיידען זיך פון איר מאן אויף א לענגערער צייט. דאס וואלט לייכט געמאכט די ארבייט פון אירע געגנער און שונאים און וואלט זי אינגאנצען רואינירט. זי האט אפט געטראכט און נאך אפטער גערעדט יועגען באגעהן זעלבסטמארד און האט אפילו געמאסטען די טיפקייט פון דעם גרעסטען טייך אין דער געגענט צו זעהן אייב זי קאן זיך דארט דערטרינקען. זי האט אבער געהאלטען אז ארונטערוארפען זיך אונטער א צוג, ווי אנא קארענינא האט געטאן, איז א פאסיגער אופן פון זעלבסטמארד פאר איר.

(ווייטערעס מיטוואך)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאַרטזעצונג)

סעם ריווקין האט זיך שוין גענומען שטארק אנזעהן אין די ארגאניזאציעס, וואו ער האט באלאנגט. אין זיין יוניאן, א שטייגער, האט די פירערשאפט דארט שוין געהאט אויף אים אן אויג. סעם האט געקענט פלינק באנעמען די סאמע פארוויקעלטסטע ארבייטער ענינים. אויף די מיטינגען, אז ער האט גענומען א ווארט, איז געווען וואס צו הערען. ס'איז אלע מאל געווען צום פונקט. און מיט זיין גראדען שכל האט ער געקענט צוגלידערען א פראגע, אז עס זאל זיין קלאר און פארשטענדליך פאר אלעמען. און ארבייטער האבען אים געהערט מיט חשק.

האט פאסירט אין אן ארגאניזאציע, וואו סעם האט באלאנגט, אז מען האט גערארפט שיקען א דעלעגאט צו א קאנפערענץ, האט מען אויסגעקליבען סעם'ען. און דארט האט סעם געטראגען די לענטע—דעם „בעדזש"— אויפ'ן הארצען מיט אן ערנסטען אויסזעהן און מיט שטאלץ. אויך האט מען אים דארט אויסגעקליבען אין עטליכע וויכטיגע קאמיטעס. מען איז זיך מיט אים מישב געווען איידער מען האט אנגענומען א וועלכען־עס־איז באשלוס. זיין ווארט איז געווען ביי אלעמען אנגענומען.

סעם האט גרינג געקענט ווערען אן „אפישעל" מיט א באצאלטען אמט, ווען ער זאל דאס נאר געווען ווילען. נאר עפעס האט אים אפגעהאלטען פון דעם. ער האט ניט געוואלט זיין קיין אפיציעלער פירער. ער איז ניט געמאכט געווען פון דעם שטאף. זיין נאטור איז געווען צו־גראדלינינג און ער האט זיך ניט געקענט בויגען אדער צופאסען זיך צו א לאגע וואו מען דארף. ער האט געזאגט, אז ער וואלט דעמאלט ניט געקענט זיין דאס וואס ער איז. סעם האט ניט ליב געהאט צו זיין ביי אלעמען אויף די אויגען, אבער ער האט געקענט טאן וויכטיגע ארבייט אין דער שטיל.

ווי א לעבעדיגער נערוו איז סעם געווען צווישען דעם קרייז מענטשען וואו ער האט זיך געפונען. אלץ האט אים אנגערירט, אלץ האט אים געארט, עוולות וואס זיינען באגאנגען געווארען, אדער ווען אימיצער האט געמאכט א פאלשען טראט. ער האט אפילו געקענט וועגען אזא ענין אריינשרייבען „א בריף צום רעדאקטאר" אין דער צייטונג וואס ער האט געלייענט. אזא סארט מענש איז ער געווען, סעם.

אז ער איז ביי א פארזאמלונג ארויף אויף דער פלאטפארמע און ער האט נאר ארויסגערעדט דעם ערשטען ווארט, „פריינדע", האט מען שוין געוואוסט, אז ער האט עפעס וויכטיגעס וואס צו זאגען. זיין ריידען איז ניט געווען געשליפען. נאר פשוט'ע, ווארימע ווערטער האט ער גערעדט. ווי פון מענש צו מענש. און דאס האט גראד אויסגענומען ביי יעדערען. סעם איז ניט געווען פון די סארט רעדנער וואס האלטען אלע מאל די זעלבע רעדע און מען ווייסט שוין פריהער וואס ער וועט זאגען. נאר סעמ'ס רייד האבען אלע מאל געהאט א פרישען טעם, וואס האט געקאנט יעדערען אויפמונטערען.

סעם האט ריידענדיג יעדעס מאל געהאט אין זינען דעם סארט מענשען וואס זיינען ווי פארשטופט אין א זייט, די פאריאכטע און די געדולדיגע, די וואס לאזען זיך הסדר אויסנוצען. און מענשען האבען באלד דערפיהלט אין אים א פריינט. זיי האבען ליב געהאט אים הערען און זיי האבען איינע צו די אנדערע געזאגט:

— ער טרעפט גלייך אין הארצען אריין, דער סעם.

ארום אים האבען זיך שוין גענומען קלייבען פארעהרער, אזעלכע וואס האבען אין אים געגלויבט און אים געשטעלט זעהר הויך. מענשען האבען ליב, אז זיי זאלען האבען צו וועמען ארויפצוקוקען. נאר סעם איז ניט געווען פון די מענשען וואס קענען בלאזען פון זיך. ער איז געווען אויסגעמישט מיט'ן עולם און אין דער אייגענער צייט איז ער געווען העכער פון זיי מיט דעם, וואס ער האט געהאט א ווייט אויג און געזעהן זאכען, שארפער און קלארער פון א סך אנדערע. סעם האט ליב געהאט מענשען. און זיי האבען אים ליב געהאט און ער האט געקענט איינס און צוויי ווערען מיט אימיצען פריינט.

אזא מענש ווי סעם האט אין דעם פאראיין פון זיינע לאנדסלייט אוודאי זיך שטארק אנגעזעהן. און זיינע ארויסטרעטונגען פאר'ן עולם האבען דארט געהאט א נאמען.

„סעם ריווקין וועט היינט דארט ריידען," האט מען זיך איינע די אנדערע איבערגעגעבען. און יעדערער האט געוואלט קומען איהם הערען.

ביי די מיטינגען פון די לאנדסלייט האט א סך מאל זיך גערעדט פון וואכעדיגע זאכען, וועגען דעם מאנאטליכען אפצאל, וועגען שטיצע פאר א קראנקען מיטגליד. אדער וועגען „סעמעטערי" - אנגעלעגענהייטען. נאר סעמ'ען האט זיך געגלוסט אויך אין די מיטינגען אריינברענגען מער יום־טוב. גייסטיגקייט, און ער האט געזעהן מען זאל אויף גיך אפּ'פטר'ען יענע פראגעס, אז עס זאל בלייבען צייט פאר אים. סעם האט אלע מאל געפונען נייע פראגען פון וואס צו ריידען. פון א וויכטיגען, פאליטישען ארטיקעל, וואס ער האט איבערגעלייענט אין א צייטונג, אדער פון א אידישען בוך, וואס האט אים שטארק פארכאפט. אדער אזוי וועגען דעם, אז מענשען זאלען ניט פטר'ען זייער צייט מיט גארניט, נאר מער זיך אפּגעבען מיט לערנען.

סעם איז ניט געגאנגען אין קיין קאלעדזש. ער האט נאר א סך געלייענט, וואס עס איז אים נאר געקומען אונטער'ן האנט. און שפעטער האט דאס געלייענטע ביי אים אין געדאנק פון זיך אליין זיך אויסגעלעגט אין גוטער ארדנונג. און אז ער האט געוואלט פון עפעס ריידען איז די זאך פאר אים געווען קלאר, און עס איז ארויסגעקומען א גאנצער פארטראג. א רעפעראט, און מענשען האבען געקענט פון דעם עפעס לערנען.

נאך זיין ריידען האבען אים א סך פון די מיטגלידער ארומגערינגעלט. געפרעגט ביי אים אלערליי פראגען, און סעם, זעהר א צופרידענער און א צעווארימטער, איז געשטאנען צווישען זיי. ער האט אלץ פארענטפערט אזוי פשוט און קלאר, ווי אויף דער לאדאניע. צווישען די מיטגלידער פון פאראיין זיינען געווען ניט ווייניג פרויען, וואס סעם האט ביי זיי שטארק אויסגענומען. און זיי האבען געלויבט זיין וואונדערליכען ריידען, און יעדערען פון זיי האט זיך געגלוסט ארויסרעדען צו אים א ווארט.

ניט איין מאל איז סעמ'ען דעמאלט געקומען אויפ'ן זינען זיין אייגענע ווייב, בעלא. בעלא האט קיינמאל ניט ארויסגעוויזען קיין באגייסטערונג פאר זיין גוטען ריידען. זי פלעגט זעלטען ווען קומען צו א מיטינג. און אז זי האט זיך שוין באוויזען, פלעגט זי שטעהן פון דער ווייטענס, אין איר מאנטעל און הוט, ווי א פרעמדע, און קוקען אויף אלעמען פון אויבען אראפ, ווי זי וואלט זיך פיל העכער פון די אנדערע מענשען.

סעם האט נאר געקענט אויסנעמען ביי פרויען. ער האט געהאט א שעהנעם קאפ געדיכטע האר, וואס זיינען שוין אויף א העלפט געווען גרוי. און דאס האט אים נאך צוגעגעבען מער ווירדע. און זיינע אויגען, שמאלע, און פון אזא בלוי־גרינעם קאליר האבען נאך געהאט אין זיך א יוגענטליכען שימער. ער איז געווען שוין אין די מיטעלע יארען, א צייט, ווען ביי געוויסע מענשען הייבען זיך ערשט אן פאנאנדערוויקלען די כוחות, און דער פארשטאנד ווערט רייף. ער וואלט זיך גרינג געקאנט לאזען אויף אן אוואנטורע, און זיך ארייגלאזען אין א „פלוירט" מיט וועלכער עס איז פרוי, ווען ער זאל דאס נאר וועלען. נאר דערוויל האט נאך אזוינס מיט אים ניט פאסירט.

(ווייטערעס — מארגען)

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פּוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאַרווערטס"

פון ראָזו שושנה

(פאַרטזעצונג)

## איין מאַמע קען אויסהאַלטען צען קינדער; צען קינדער קאָנען ניט אויסהאַלטען איין מאַמע

ווען סעם איז ארויס פון „וואומען האספיטאל" אויף אמסטערדאם גאס, איז ער געלאפען אזוי ווי מען וואלט אים געיאגט. ער האט ניט געקענט די געגענט, ניט געוואוסט וואו ער געפינט זיך, אבער ער איז געלאפען גלייך פאר זיך, אזוי ווי ער וואלט וועלען אנטלויפען פון דעם פלאנטער מיט ליגענס און שווינדעל, אין וועלכען ער האט זיך אליין פארפלאנטערט. ער האט געוואלט אנטלויפען פון זיך אליין.

עס איז שוין א מעת־לעת זינט ער האט געבראכט דאינע'ן אין האספיטאל. ער האט ערשט איצט געפיהלט די מידקייט. ער וואלט אזוי וועלען אויסציען זיין מידען קערפער אויפ'ן געלעגער, אוועקלעגען זיין ברענענדיגען קאפ אויף א קישען און רוהען, רוהען און רוהען... גאר ניט פיהלען...

ער האט געטראכט וועגען זיין ארימער מוטער, וועלכע געפינט זיך אין מושב זקנים. דזשייקאב לאסקי, זיין שווער, האט אים שטילערהייט, אז בעקי זאל ניט הערען, איינגערוימט דעם סוד, אז ער האט אוועקגעפירט זיין מוטער אין מושב זקנים. סעמ'ען האט ווערה געטאן דאס הארץ. ער האט געוואוסט אירע ליידען, ער האט געפיהלט, וואס זיין ארימע מוטער לעבט איצט איבער. אבער ער האט ניט געקאנט פארבעסערען איר גורל. ער האט ניט געקאנט געהן פון מידקייט. אבער ער האט געוואוסט, אז זיין מוטער ווארט אויף אים מיט א קלאפענדיג הארץ. זי ווארט אויף איר איינציגען זוהן. ער האט דאך דאס אלץ געטאן צוליב זיין מוטער. צוליב איר האט ער דאך גענומען אויף זיך דעם ים מיט ליידען און פיין, אבער דער קרבן איז געווען אומזיסט. איצט איז זי, די עלענדע מוטער זיינע, אויף אירע עלטערע יארען איינזאם, אהן א קינד, אהן א נאהענטען — עלענד ווי א שטיין, און אין א מושב זקנים.

סעם האט דערפילט א נויטווענדיגקייט צו געהן זעהן זיין מאמען. ער וואלט איצט וועלען אויסוויינען פאר איר אירע אלע ווייטאגען. ער איז געלאפען גיך, ווי מ'וואלט אים געיאגט.

ווען ער איז אריין אין מושב זקנים איז דארט געווען רוין און ציכטיג. עס האבען זיך דארט געפונען צימערלעך מיט איינציגע בעטען, און אויך גרעסערע צימערען מיט מערערע בעטען.

די צימערען מיט א סך בעטען זיינען געווען פאר די, פאר וועלכע מען האט ווייניגער געצאלט. פונקט אזוי ווי אין א האספיטאל. מען קאן פאר געלט האבן א באקוועמען, באזונדערען צימער, אדער פאר ארימע — א „וואָרד־צימער".

חנה האט זיך געפונען אין א צימער מיט מערערע בעטען, אזוי האט זי געוואלט, און מיסטער לאסקי האט געמוזט נאכגעבען איר פארלאנג.

חנה האט זיך געפילט זעהר אפּגעשוואכט, נאך דעם סקאנדאל מיט בעקי'ן, נאך דעם שיידען זיך מיט אירע פריינד, וועלכע האבען אויפסניי אויפגעוועקט אירע וואונדען. באזונדערס האט אויף איר געווירקט די שלעכטע נאכט, די ערשטע נאכט אין מושב זקנים. זי האט די גאנצע צייט נאס געמאכט די קישענס מיט אירע טרערען און האט אין דער פרי זיך ניט געקענט אויפהויבען פון איר געלעגער.

חנה איז געבליבען ליגען אין בעט.

כאטש חנה האט אויסגעזעהן ווי אן אלטע זקנה איז זי פארט געווען די אינגסטע אין עלטער. אבער זי איז אויך געווען די אינגסטע אין צייט. זי איז דאך ערשט נעכטען דא אהער געקומען. איז זי געווען א פנים חדשות פאר די אלע אלטע לייט. באלד האבען זי ארומגערינגעלט נייע פריינד, מערסטענס אויס נייגעריגקייט, ווייל א נייער צוגעקומענער איינוואוינער אין מושב זקנים רופט שטענדיג ארויס אינטערעס ביי מענשען, וועלכע האבען כסדר געלעבט א מאנאטאנעם לעבען.

חנה האט זיך אבער געפילט גוט צווישען אט די מענשען. דא זיינען געווען איר גלייכען, און זי האט זיך באלד באטראכט ווי א מיטגליד פון דער דאזיגער משפחה.

די ארימע, עלענדע חנה איז דאך שוין געוואוינט געווען כסדר צו בייטען די „משפחות". זי איז דאך אויסגעווען אין א סך לאגערען און האט זיך שוין צוגעוואוינט צוצופאסען צו די אלערליי אומשטענדען און באדינגונגען.

אן עלטערע פרוי, מיט גלאט־פארקאמטע גרויע האר, מיט א דאר, לענגליך אויסגעצויגען פנים, מיט טיף־איינגעגראבענע אויגען, וועלכע האבען געהאט א סארקאסטישען פייערעל, האט זיך מער פארנומען מיט חנה'ן, ווי די אנדערע. זי האט איר באלד געגעבען פארשיידענע אנווייזונגען, וואס זי זאל טאן, ווי אזוי זי זאל זיך האלטען, און אזוי ווייטער. האט איר געהאלפען אין אלעם און איז ניט אפּגעטראטען פון חנה'ס בעט.

די דאזיגע פרוי, וועלכע האט געהייסען פעשע, איז געווען די עלטסטע אין מושב זקנים, ניט צוליב אירע יארען, נאר דערפאר ווייל זי איז געווען דא לענגער ווי אלע. זי איז געקומען אהער מיט גאר א סך יארען צוריק, ווען זי איז נאך געווען אין די מיטעלע יארען. מענשען זיינען געשטארבען, און פעשע האט זיי אלעמען באגלייט צו זייער אייביגער רוה.

פעשע האט זיך געהאט איר טראגעדיע. ווען מען האט זי געפרעגט צי זי האט קינדער, האט זי געענטפערט, אז ניין. „שטיינער האב איך", האט זי געזאגט. כאטש אלע האבען געוואוסט, אז זי האט רייכע קינדער, וועלכע שיקען צו רעגעלער די טשעקס, און ווען איינמאל אין א „מאדער'ס דעי" (מאמע'ס טאג) האט זיך א טאכטער אראפּגעלאזט צו איר אין א טייערער קאר, האט זי, פעשע, ניט געוואלט זי זעהן, זי האט זיך באהאלטען פון איר, און די טאכטער איז אוועק איבערלאזענדיג די מתנה פאר איר מאמע'ן, אבער געזעהן איר מאמע'ן האט זי ניט. פעשע האט זיך אין אזא טאג ניט געוויזען פאר קיינעם; ביי־נאכט, ווען זי איז געקומען צו „סאפּער" (נאכט־עסען) האט זי געהאט רויטע, געשוואלענע אויגען, האט זיך מיט יעדען געקריגט, און איז געווען זעהר נערוועז און בייז.

א סך איינוואוינער צווישען די אלטע לייט אין מושב זקנים האבען ניט ליב פעשע'ן, ווייל זי איז תמיד א בייזע, אן ערנסטע, און חבר'ט זיך ניט מיט די שכנים.

אנדערע, ווידער, האבען זעהר ליב פעשע'ן, ווייל זי איז א גערעכטע, זי האט ניט ליב קיין פוסטע מענשען, איז תמיד גרייט אוועקצוגעבען איר ביסען אנדערע. ווערט אימיצער פון די אלטע לייט קראנק, וועט שוין פעשע ניט אפּטרעטען פון דעם קראנקען'ס בעט.

דורך פעשע'ן קען מען אמאל עפעס אויספירען ביי דער אדמיניסטראציע פון מושב זקנים.

מען דערציילט א סך מעשות וועגען פעשע'ן, אז איר מאן האט זי אוועקגעווארפען, און צוליב דעם, וואס די קינדער האבען געהאלטען מיט'ן טאטען, האט זי זיך אפּגעשלאסען פון דער וועלט און איז אנגעקומען דא אהער אין מושב זקנים.

פעשע האט געהאט א ווערטעל: „איין מאמע קאן דערנערען צען קינדער, און צען קינדער קאנען ניט דערנערען איין מאמע".

דאס דאזיגע ווערטעל האט זי כסדר ווידערהאלט. באזונדערס דעמאלט, ווען עס איז אנגעקומען א נייע פרוי אין מושב זקנים. זי פלעגט שטעהן און קוקען אויף דער ניי־אנגעקומענער, שאקלען מיט'ן קאפּ און אירע ליפּען פלעגען זיך באוועגען.

די אלטע לייט האבען דעמאלט גלייך אויפגעכאפּט אירע רייד: „איין מאמע קען דערנערען". מער האבען זיי ניט געזאגט כדי ניט איבערצושרעקען די ניי־געקומענע.

פעשע האט ניט דערציילט וועגען דעם, וואס פאר א ראלע זי האט געשפילט, ווער זי איז געווען. ווי עס טוען געווענליך די אלע אנדערע עלטערע מענשען, וועלכע הערען ניט אויף צו ריידען וועגען זייער יוגענט, וועגען זייער אמאליגען שעהנעם לעבען, — וועגען זייער פארגאנגענהייט, וועלכע איז זייער שטענדיגע טעמע.

פעשע פלעגט נאר כסדר ווידערהאלען: „איין מאמע קאן הערנערען צען קינדער, און צען קינדער קאנען אפילו ניט דערנערען א קליין, דאר מאמעלע"...

(ווייטערעס — מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עס איז געווען אין פאַראיין איינע אַ פרוי, מיסעס באָום איז געווען איר נאָמען. זי איז געווען ניט קיין מיאוס'ע ווייבעל, און זי האָט זיך זעהר געפּוצט. זי האָט, ווייזט־אויס, איר מאַן ניט צופיל ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען גאָר ניט קיין אַנזעהעוור־דיגער, אַ צו־שטילער. אַז ער איז געקו־מען צו אַ מיטינג און עס האָבען זיך אָנגעהויבען די רעדעס, האָט אים באַלד אָנגעהויבען ציהען צום שלאָף, און ער האָט איינגעדרימעלט זיצענ־דיג פון דערווייטען אין זאַל אין אַ ווינקעל. מיסעס באָום האָט גרויס עגמת נפש געהאַט פון דעם, וואָס איר מאַן צייכענט זיך ניט אויס מיט קיין זאַך, און זי האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז צופיל אָפּגעלעבט, אַז ער איז גאָר קיין מענש ניט.

צו סעמ'ען ווידער האָט די מיסעס באָום אַרויפגעקוקט. זי האָט כסדר געזוכט אַ מינוט, אַז זי זאָל מיט אים ריידען, און איז געווען די ערשטע יעדעס מאָל צו לויבען אים פאַר זיין וואונדערליכען ריידען, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט זיין לעקציע.

— אַז ניט האָבען זיי פאַרשטאַנען פון וואָס איר האָט גערעדט? — האָט זי איינמאָל צו סעמ'ען געזאָגט, אַפּרו־פּענדיג אים אַן אַ זייט. — זיי זיינען דאָך אַלע אומוויסענד.

זי האָט געהאַט אין זינען די אַלע אַנדערע מיטגלידער פון פאַראיין. נאָר סעם האָט איר ניט געהאַלטען פאַר אַן ערנסטען מענשען. און ער האָט נאָר אַ־ראַניש אַ שמייכעל געטאָן:

— און איר אַליין, איר האָט מיין רעדע פאַרשטאַנען? — האָט ער זיך אָפּגערופען צו איר.

— איר באַליידיגט מיך מיט אייער באַמערקונג — האָט מיסעס באָום קאָ־קעטיש זיך אַ בויג געטאָן אַנטקעגען סעמ'ען. סעם איז ניט געוואוינט גע־ווען צו קיין פוסטען געשפּרעך מיט אַ פרוי. נאָר דעם מאָל איז ער עפּעס ניט ווילענדיג אַריינגעצויגען געוואָ־רען אין איר טאָן. ער האָט איר אַפילו געגעבען אַ קאָמפּלימענט וועגען איר גוטען „מעיק־אַפּ", און זי האָט אים געענטפערט אויף צוריק. און אַזוי זיי־נען זיי געשטאַנען אַ ווײַלע און פרעה־ליך צווישען זיך פאַרבראַכט. ביי סעמ'ען איז ניט זעלטען געווען אַזאַ שטימונג, ווען נאָך דער גייסטיגער אָנשטרענגונג פון זיין לעקציע האָט זיך אים געגלוסט צו פירען אַ שמועס. ער האָט דעמאָלסט אין זיך געפילט אַ בענקשאַפט נאָך דער צערטליכקייט און אינטימקייט פון אַ פרוי. מען קען דאָס ניט פאַרלייקענען.

דער מאַן אירער, מיסטער באָום, האָט זיך שוין געהאַט אויסגעטשוכעט פון זיין שלאָף. ער איז צו זיי צוגע־גאַנגען און ער האָט גערופען זיין ווייב אַז זיי זאָלען ביידע פאָרען אַהיים. מיסעס באָום האָט אַ קוק געטאָן אויף סעם ריווקין'ען מיט אַזאַ וואַרימען בליק, ווי זי וואָלט אים זאָגען, אַז זי וואָלט בעסער וועלען פאַרברענגען מיט אים ווי מיט איר מאַן.

יאָ, סעם האָט זיך געהאַט זיינע גו־טע מינוטען. נאָר אַז ער איז דערנאָך געפאָרען אַהיים איינער אַליין איז אים ווידער געוואָרען אומעטיג אויפ'ן האַרצען.

יע, סעם האָט זיך געהאַט זיינע גוטע מינוטען. אין שאָפּ, וואו ער האָט געאַרבייט, איז געווען איינע אַ מיידעל. סאָפיע איז גע ווען איר נאָמע, אויך אַן אָפּערעיטאָרין. די מאַשינעס אין שאָפּ זיינען געשטאַנען אין צוויי רייען לענג אויס דעם שאָפּ, און זיי ביידע, סעמ'ען און סאָפיע'ן, איז אויס־געקומען צו זיצען פונקט איינע אַנט־קעגען אַנדערער. פאַר יאָרען זיינען זיי אַזוי געזעסען און גענייט, און זעל־בען שאָפּ, ביי דעם זעלבען באַלעבאָס, און אַ גרויסע פריינטשאַפט האָט זיך צווישען זיי פאַרבונדען.

סאָפיע איז געווען אַ מיידעל שוין אין די שפּעטע דרייסיגער יאָרען, אַ נידעריגע, אַ דיקליכע, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע, געדיכטע לאָקען, וואו עס האָבען זיך שוין דורכגעוואָרפען ווייסע פעדימלעך, און מיט מילדע אויגען ווי פון שוואַרצען סאַמעט. זי איז שטענדיג געווען גוט אויפגעלייגט. עס איז קיין סימן ניט געווען צו זעהן אויף איר, אַז זי עלטערט זיך. איר געלעכ־טער איז געווען אַ גוטער, אַ האַרצי־גער, וואָס האָט זיך אָפּט פאַרענדיגט מיט אַן אומעטיגער נאָטע, ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, אַז זי דאַרף ניט לאַכען.

סעם האָט באַזונדערס ליב געהאַט אַט דעם סאָרט געלעכטער אירען. זי איז אים געוואָרען זעהר נאָענט. אינ־מיטען דעם גענײ, צווישען איין „שאָס" און דעם אַנדערען, פלעגען זיי אָפּשטעלען אַ ווײַלע די מאַשינעס און זיך דורכוואַרפען מיט ווערטלעך. און דעמאָלט האָט פאַר זיי ביידען דער טאָג ניט אויסגעזעהן אַזוי לאַנג. אַז סאָפיע'ן האָט אַ מאָל אויסגעפעלט אַ „באַבין" פון אַ געוויסען קאָליר פאָדים, און סעם האָט עס פונקט געהאַט, האָט ער איר דערלאַנגט דעם „באַבין" און זייערע פינגער האָבען זיך באַגעגענט. און סעם האָט אויף אַ ווײַלע פאַרהאַל־טען איר האַנט אין זיינער. דאָס איז געווען די איינציגע נאָענטקייט וואָס ער פלעגט אַמאָל מיט סאָפי'ן זיך ער־לויבען.

בעלאַ, סעמ'ס ווייב, איז ניט געווען אינגאַנצען אויסער'ן וועג ווען זי האָט אים פאַרדעכטיגט, אַז ער האָט ערגעץ אַ געליבטע. קיין ליבע אין דעם אמת'ן זינען איז צווישען אים און סאָפיע'ן ניט געווען. קיינמאָל האָבען זיי זיך ניט באַגעגענט אויסער דעם שאָפּ. סיידען אַמאָל מיטאָג־צייט זיינען זיי ביידע אַראָפּ אין רעסטאָראַן, געזעסען צוזאַמען ביי איין טישעל און ביידע אָפּגעכאַפּט אויף גיך דעם עסען. דאָך זיינען זיי זיך זעהר נאָענט געווען.

אין זייערע קורצע, געכאַפּטע שמועס־סען האָבען זיי איינע די אַנדערע דער־צעהלט פון זייער פּערזענליכען לעבען. סאָפיע האָט שוין געוואוסט סעמ'ס גאַנצע געשיכטע; פון זיין ניט איינ־געגעבענעם לעבען; ווי אַזוי ער האָט אין אָנהויב אין בעלאַ'ן זיך פאַרליבט: ווי זי האָט זיך אים אויסגעוויזען צו זיין זעהר אַן אינטערעסאַנטער מענש, און ווי דערנאָך, נאָך דער חתונה, האָט ער אויסגעפונען, אַז זי איז אַ געוויינ־ליכע פרוי, ווי טויזענט אַנדערע... ער־גער ווי אַנדערע... זי האָט אים גע־וואָלט איינשפּאַנען אין אַ ביזנעס, ער זאָל מאַכען אַ סך געלט, רק מער געלט. מער האָט מען פון איר ניט געהערט. ער האָט סאָפיע'ן דערצעהלט ווי ער האָט די אַלע יאָרען געלעבט אומצו־פרידען און אַנטוישט, און ווי אַזוי עס איז דערנאָך געקומען צו דעם, אַז ער האָט געמוזט אוועק פון דער היים.

סאָפיע האָט ניט געוואָלט, אַז סעם זאָל טראָגען אַ ביטער האַרץ אַנטקעגען זיין ווייב, און זי פלעגט אים ענט־פערען מיט איר גוטען שמייכעל:

— איר פאַרלאַנגט שוין צופיל פון לעבען, סעם. אַזוי פירט זיך שוין די וועלט.

נאָר סעם האָט געוואוסט, אַז זי איז אויף זיין זייט און זי פיהלט אים מיט.

סאָפיע פון איר זייט האָט אויך סעמ'ען דערצעהלט ווי עס לעבט זיך איר. זי האָט געוואוינט אינאיינעם מיט איר מאַמען, וואָס איז שוין געווען אַלט און אָפּגעשוואַכט, און זי, סאָפיע, האָט אויפגעהאַלטען די הויז. זי האָט דאָ הי געהאַט אַ גרויסע משפחה · פעטערס און מומעס און קוזינס און שוועסטער־קינדער. זי איז געווען צו זיי אַלעמען זעהר איבערגעגעבען. און אין די זונטאָגס האָט זי אָפּטמאָל פאַר־בראַכט מיט זיי אין זייערע היימען. זי האָט מיטגעלעבט מיט זייערע זאָר־גען און מיט זייער פרייד.

די מיידלעך אין שאָפּ האָבען אין אַ פרייער מינוט זיך איינע די אַנדערע דערצעהלט פון אַ פרעהליכען אָוונט. וואָס זיי האָבען פאַרבראַכט מיט אַ „באָי־פרענד". און סאָפיע האָט דע־מאָלט זיך צערעדט פון איר גרויסער משפחה. זי האָט דערצעהלט די חכמות פון אַ קאָזינ'ס אַ אינגסטע קינד. זי האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט־טאַש די פאָטאָגראַפיעס און זי האָט דאָ אַלעמען געוויזען. און איר באַ'־חנ'טער פנים האָט זיך דעמאָלט גע־לויכטען מיט ליבשאַפט און פאַרגעני־גען פון אירע אייגענע.

(ווייטערעס מאָרגען)

## טרויער רעזאָלוציע פון בראָנקסער אַרב. רינג שול 19

די שול־פאַרוואַלטונג דריקט אויס טיפען צער און מיטגעפיל צו דער שול־פאַרוואַלטע־רין פריינדין האָכשטיין אויפ'ן פאַרלוסט פון איר פאָטער יונה טיישאָף.

# בריוו וועגען לעטימאָר'ן

(שלום פון עדיטאָריעל פעידזש)

מר. לעטימאָר, — איך האָב זיינע מיינונגען ציטירט אָבער ניט פּאָלעמי־זירט געגען זיי, ווייל דאָס איז גאָר אַן אַנדער ענין. מיין קריטיק איז געווען געווענדעט געגען די פירער פון סטעיט־דעפּאַרטמענט וואָס פאַרשטייען אַליין ניט וואָס זיי טוען. איז קריטיק פאַר־באָטען דאָ אין לאַנד, אָדער מאָראַליש ניט דערלאָזבאַר?

* * *

דער סטעיט דעפּאַרטמענט האָט פּרובירט „מאַכען צו קליינגעלט" מר. לעטימאָר'ס איינפלוס אויף דער אַזיאַ־טישער פּאָליטיק פון די פאַראייניגטע שטאַטען. לאָמיר נעמען דעם רעקאָרד, ווי ער איז פאַרעפענטליכט אין דער פּרעסע:

אין יולי 1941 איז מר. לעטימאָר באַשטימט געוואָרען אַלס דער אַמערי־קאַנער פּאָליטישער עצה־געבער פאַר טשיאַן־קאַי־שעק'ן. און דאָס איז גע־טאָן געוואָרען ניט לויט דער בקשה פון טשיאַן־קאַי־שעק.

אין 1942, ביז 1944, איז מר. לע־טימאָר באַשטימט געוואָרען אַלס דער־די־רעקטאָר פון דער כינעזישער אָפּ־טיילונג ביי דעם „אָפיס אָוו וואָר אינ־פאָרמעישאַן" — אַן אינסטיטוציע וואָס האָט אָרגאַניזירט די גאַנצע פּראָ־פּאַגאַנדע פון אַמעריקע אין דער צייט פון דער מלחמה.

ווען פּרעזידענט רוזוועלט האָט גע־שיקט מר. הענרי וואָלעס אין אַ מיסיע קיין כינע (אין 1944) איז מר. לעטי־מאָר געווען איינער פון דריי „אַדוואַי־זערס" וואָס האָבען מר. וואָלעס'ן באַ־גלייט קיין כינע. ווען מר. וואָלעס איז צוריקגעקומען פון זיין רייזע, האָט ער געהאַט די מיינונג, אַז מיר דאַרפען אויפהערען צו שטיצען די נאַציאָנאַ־ליסטען און מוזען ראַדיקאַל ענדערען אונזער גאַנצע פּאָליטיק אין כינע, — „שטעלען אויף אַן אַנדער פערדעל". און אינגיכען האָט טאַקע דער סטעיט דעפּאַרטמענט געביטען זיין פריערדיגע פּאָליטיק פון פריינדשאַפט צו די נאַ־ציאָנאַליסטען, און פאַרביטען איר מיט יענער נייער פּאָליטיק, וואָס האָט מיט־געהאָלפען דעם צווייטען „פערדעל" איינצונעמען גאַנץ כינע.

אָבער אויך אין די לעצטע יאָרען האָט מר. לעטימאָר געשפּילט אַ געווי־סע ראָלע אין אויסאַרבייטען אַמערי־קאַנער פּאָליטיק אין אַזיע. ער איז איינגעלאַדען געוואָרען צו האַלטען לעקציעס אין דעם אַרמיי־קאָלעדזש איבער אַזיאַטישע פּראָבלעמען. ער איז געווען דער עצה־געבער פאַר מר. דזשעסאָפּ, ווען דער לעצטער איז באַ־שטימט געוואָרען אַלס טשערמאַן פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע וואָס זאָל רע־ווידירען די אַמעריקאַנער פּאָליטיק אין אַזיע. און ער איז נאָר אין דער לעצ־טער צייט געווען דער אויטאָר פון דעם מעמאָראַנדום וועגען דער כינע־זישער פּאָליטיק פון אַמעריקע, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר'ן סטעיט־דעפּאַרטמענט, און וואָס ער אַליין האָט פאַרעפענטליכט אין דער פּרעסע.

* * *

בלויז נאָך אַ פּאָר ווערטער צום שלום, וועגען מיין שטעלונג צו דעם עדות־זאָגען פון מר. בודענז. מר. לוקאַס פאַרנעמט אין דער פראַגע פון אַמאָליגע קאָמוניסטען אַ שטעלונג, וואָס קלינגט אַביסעל קאָמיש. ער זאָגט, אַז מען טאָר ניט נעמען פאַר ריכטיג קיין איינציגען וואָרט וואָס עס זאָגט אַ קאָמוניסט אָדער אַ געוועזענער קאָמוניסט.

נו, אויב מיר נעמען אַן זיין שטאַנד־פּונקט, קומען מיר אין אַזאַ לאַגע: דער געוועזענער קאָמוניסט בודענז פאַרזיכערט, אַז מר. לעטימאָר איז גע־ווען אַ מיטגליד פון אַ קאָמוניסטישער קעמערעל אין דעם „אינסטיטוט פון פּאַציפישע באַציהונגען". אַזוי ווי בודענז איז אַ געוועזענער קאָמוניסט, גלויבען מיר אים ניט. הייסט עס, אַז לעטימאָר איז נ י ט געווען קיין מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער גרופּע. נו, דאָ קומען מר. בראַודער און מרס. בעלאַ דאָד, און פאַרזיכערען, אַז לעטימאָר איז ניט געווען קיין מיט־גליד אין דער קעמערעל. אַזוי ווי בראַודער און דאָד זיינען ביידע גע־וועזענע קאָמוניסטען, גלויבען מיר זיי אויך ניט. הייסט עס, אַז לעטימאָר איז יאָ געווען אַ מיטגליד. און דאָס איז דאָך אומזיניג.

הייסט עס, אַז מיר טאָרען ניט אָנ־נעמען מר. לוקאַס'עס כלל, און מוזען, אין הסכם מיט'ן שכל הישר און דער פּראַקטיק פון לעבען, אין יעדען פאַל אונטערזוכען די סטעיטמענטס פון יעדען איינצעלנעם עדות, גאַנץ גלייך צי ער איז געווען אַ קאָמוניסט אָדער ניט געווען קיין קאָמוניסט. איך האָב אין מיין לעבען געטראָפען אַ היבשע ביסעל געוועזענע קאָמוניסטען און עכ־טע קאָמוניסטען, און מיין ערפאַרונג לערנט מיך, אַז עס זיינען פאַראַן אַזעלכע צווישען זיי וואָס זאָגען דעם אמת און אַזעלכע וואָס זאָגען ליגען. אין יעדען איינצעלנעם פאַל מוז מען אַנאַ־ליזירען, פאַרגלייכען, אונטערזוכען. און אַט דאָס האָב איך פּרובירט טאָן אין מיין אַרטיקעל וועגען מר. בודענז. וועמ עס איז גערעכט און וועמ עס האָט געהאַט אַ טעות אין דער גאַנצער גע־שיכטע וועט באַווייזען די צוקונפט.

# הינטער זיך: אַ געשעענישפולער יאָרצענדליג...

# פאָראויס: קראַפט נאָכצוקומען די אויל באַדערפענישען פון פרייע מענשען

# STANDARD OIL COMPANY (NEW JERSEY)

## באַריכטעט פאַר'ן יאָר 1949...

די 215,000 סטאַקהאָלדערס פון סטאַנדאַרד אויל קאָמפּאַני (ניו דזשוירזי) האָבען נאָר - וואָס געקראָגען צוגעשיקט דער קאָמפּאַני'ס 1949 יערליכען באַריכט. מאַנכע הויכפּונקטען ווערען דאָ אָנגעגעבען.

דער באַריכט דעקט דאָס לעצטע יאָר פון אַ געשעענישפולען יאָרצענדליג — אַ יאָרצענדליג פון העפטיגער אַקציע און ענדערונג... פון קריג, און די רעזולטאַטען פון קריג, פון גרויסען אומבייט אין לעבענס־סטאַנדאַרד פון מענשען... און אין זייערע האָפנונגען און צילען.

עס איז געווען אַ יאָרצענדליג פון קראַפט און צופּאַסונגס־פעהיגקייט פון דער אַמעריקאַנער האַנדעלס־וועלט צו גרויסע נייע פּראָבלעמס. **און באַווייזען דאָס דער אַמעריקאַנער האַנדעלס וועג פירט־דורך די אונטערגענומענע אויפ־גאַבען.**

צו די אויל געשעפטען האָבען די לעצטע צען יאָר געבראַכט פאָדערונגען, וועלכע איבערשטייגן אירגענד וועלכע דערפאַרונג אין דער פאַרגאַנגענהייט.

סטאַנדאַרד אויל קאָמפּאַני (ניו דזשוירזי) האָט אויסגעצייכענט גע־טראָגען איר פולען טייל פון דער דאָזיגער משא. מער נייע זאַפּאַסען פון אויל זיינען געפונען און אַנטוויקעלט געוואָרען, ווי ווען עס איז פריער. מיט זיי זיינען געקומען נייע פּראָצעסען, מער נייע פּראָדוקטען, מער נייע שטעלעס און אַרבייטס־געלעגענהייטען. מיר האָבען אַריינגענומען מער געלט, און אויסגעצאָלט מער — פאַר שכירות, שטייערן, דיווידענדען, אַלערליי נויטיגע מאַטעריאַלען, ווי אין וועלכען עס איז יאָרצענדליג אין דער געשיכטע. און אין דידאָזיגע 10 יאָר זענען כמעט פיר מאָל אַזוי פיל די סומע, וואָס איז אויס־געצאָלט געוואָרען אין דיווידענדען, אינוועסטירט געוואָרען אין נייע איינ־ריכטונגען — פאַרשטאַרקענדיג דאָס געשעפט, כדי נאָכצוקומען די מלחמה־ און נאָך־מלחמה באַדערפענישען.

ווי אַלע געזונטע אַמעריקאַנער געשעפטען, האָט די דזשוירזי סטאַנדאַרד באַקומען די דאָזיגע רעזולטאַטען דורך געשיקטקייט, איניציאַטיוו, צוזאַמענ־אַרבייט און דעם פּראָדוקטיווען געברויך פון קאַפּיטאַל. מענער, וועלכע אַר־בייטען אין דעם געשעפט פון זייער אייגענעם — פריי צו טראַכטען און מאַכען אַנטשיידונגען — האָבען געמאַכט שריט, וועלכע האָבען באַקומען רעזול־טאַטען און זיי באַקומען אין צייט.

באַריכטענדיג פאַר 1949, האָט די דאָזיגע קאָמפּאַני אָנגעבאָטען אירע סטאַקהאָלדערס נישט בלויז דעם באַריכט פון איין געשעפטס־יאָר... מיט דעם קומט די האָפנונגספולע פאַרזיכערונג פון קראַפט און פעהיגקייט צו באַקומען די וואַקסענדיג אויל־באַדערפענישען פון פרייע מענשען אין פרייע לענדער.

STANDARD OIL COMPANY (NEW JERSEY)

AND AFFILIATED COMPANIES

### הויכפּונקטען פון דעם 1949 באַריכט:

(פאַר די קאָנסאָלידייטעד קאָמפּאַניס)

פּראָדוקציע—957,000 פעסלעך טעגלי־כער סך־הכל (11% ווייניגער ווי אין 1948)

ראַפינירונג—1,287,000 פעסלעך טעגלי־כער סך־הכל (7% ווייניגער ווי אין 1948)

פאַרקויף — 1,363,000 פעסלעך טעגליך (עטוואָס ווייניגער ווי אין 1948)

פאַרשונג — $21,400,000 אויסגעגעבען אויף וויסענשאַפטליכע פּראָיעקטען (6 פּראָצענט מער ווי אין 1948)

קאָנסאָלידייטעד נעטע פאַרדינסטען — $268,870,000, אָדער $8.91 אַ שער. דאָס איז אין פאַרגלייך מיט $365,605,000, אָדער $12.44 אַ שער אין 1948. דער גאַנ־צער איינקונפט איז געווען $2,934,686,000 (12 פּראָצענט ווייניגער ווי אין 1948)

נעטע פאַרדינסטען פון דער הויפּט־קאָמפּאַני—(פון וועלכע די שערהאַל־טער'ס דיווידענדען ווערען אויסגעצאָלט) $171,707,000, אָדער $5.69 אַ שער. דאָס איז אין פאַרגלייך מיט $155,923,000, אָדער $5.31 אַ שער אין 1948.

דיווידענדען—$4.00 אַ שער פּלוס איין שער פאַר יעדע 50 שערס וואָס יעמאַנד האַלט.

אַרבייטער באַציאונגען—ווידער קיין איבעררייס אין דער אַרבייט צוליב אַר־בייטס־שוועריגקייטען.

קאָפּיעס פון דעם פולען באַריכט וועלען גערן געשיקט ווערען צו יע־דען וואָס וויל די פולע איינצלהיי־טען. שרייבט

R. 1626, 30 Rockefeller Plaza, New York 20, N. Y.

Esso

עסאָ פּראָדוקטען ווערען פאַרקויפט אין 18 איסטערן שטאַטען פון עסאָ סטאַנדאַרד אויל קאָמפּאַני.




דזשוירזי'ס צען יאָר טייל אין דער וועלט'ס אויל־פּראָדוקציע—איבער דעם 10־יאָר פעריאָד האָט דזשוירזי'ס רויע אויל־פּראָדוקציע דערגרייכט אַ דורכשניט פון 13 פּראָ־צענט פון דער וועלט־פּראָדוקציע.




נעטער איינקונפט אין רעלאַציע צום גאַנצען איינ־קונפט פאַר צען יאָר — אונטער ענדערענדע אומשטענדען האָבען די פאַרוואַלטונג און אירע מיטאַרבייטער געהאַלטען די קאָמפּאַני אין געזונטען פינאַנציעלען צושטאַנד.




צען יאָריגער וואוקס פון פאַרקויף פון פאַרשידענע אויל־פּראָדוקטען—געברויך פון אַלערליי אויל־פּראָדוקטען איז געשטיגען מיט דער וואַקסענדער עקאָנאָמיע און שטיי־גענדען לעבענס־סטאַנדאַרד.




צען־יאָר וואוקס אין צאָל פון אייגענטימער — די צאָל פון סטאַקהאָלדערס איז געשטיגען פון 136,000 אין 1940 צו 215,000 איצט.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ●●● פון מ־ים ־אַסס־ן

(פאָרטזעצונג)

סאָפיע האָט אויך סעמ'ען דער־צעהלט ווי דאָרט, אין דער אַלטער היים, זיינען נאָך צוויי קינדער פאַר־גליבען פון איר משפחה, צוויי יתומים. וואָס מען מוז זיי אַרויסראַטעווען פון דאָרטיגען גיהנום. זי האָט געקראָגען בריף פון זיי ווי זיי רייסען זיך קומען אַהער. און ווען נאָר סאָפיע האָט פון זיי געררעדט איז איר פּנים פאַרצויגען געוואָרען מיט אַ טרויער. עס זיינען געווען שוועריגקייטען מיט די וויזעס און „אַפידעיווויטס". סאָפיע האָט ניט גערוט. זי איז געלאָפען צו איר גרוי־סער משפחה און זי האָט יעדען באַזונ־דער געוועקט און דערמאָנט. די מענ־שען פון איר משפחה זיינען שוין אַלע געווען איינגעזעסענע און איינגע־רוהיגטע. און זיי האָבען שוין גע־וואָלט פאַרגעסען ווי זיי האָבען אַליין געליטען. נאָר איין סאָפיע האָט ניט פאַרגעסען. זי האָט אַזוי ווי געוועקט זייער פאַרשלאָפענעם געוויסען, אַז מען זאָל פאַר די קינדער מער אָנ־שטרענגען זיך און זיי ראַטעווען. און אַז סעם האָט געהערט איר רעדען פון דעם, האָט ער ביי זיך געטראַכט:

— „וואָס פאַר אַן איידעלע נשמה!"

זי איז אים דורך דעם נאָך נעענטער געוואָרען. און מיט אַ געטרייען, פאַר־טרליכען געפיהל האָט ער געוואונ־שען אַז זי זאָל קריגען דעם ריכטיגען באַשערטען, וואָס ער זאָל זיך אויף איר פאַרשטעהן... זי זאָל חתונה האָבען און האָבען אַן אייגענע היים, און עס זאָל ניט געהן אַ לעבען אין ניוועץ...

דאָס לעבען אין שאַפּ איז זיך גע־גאַנגען מיט זיין גאַנג, און איין טאָג איז געווען ענהליך צום אנדערען, ווי פון אַ פאָדעם אויסגעגאָסען. דער שאַפּ איז געווען גרויס ווי אַ פעלד, און מענשען זיינען דאָ צונויפגעקליבען גע־וואָרען פון אַלע פעלקער, פון אַלע ראַ־סען, און מענשען פון יעדען עלטער, נאָר עס איז אויך זיי אַלעמען געפאַ־לען דער זעלבער שטויב, און זיי האָ־בען אַלע געאָטעמט מיט דער זעלבער דומפּער לופט. זיי אַלע האָבען אריינ־געגעבען זייער גאַנצע ענערגיע און אימפּעט אין דער אַרבייט. און די בערג פאַרטיגע גאַרמענטס זיינען גע־וואַקסען און געוואַקסען.

דורך די פענסטער אַנטקעגען האָבען זיך געזעהן די ריזיג־הויכע געביידעס פון דעם „גאַרמענט־צענטער". מיט די פיל צעקעסטעלטע פענסטערלעך, וואָס דורך זיי האָט מען געקענט זעהן זיך מינעו וויגענדיגע קערפּערס, איילענדי־גע עלענבויגענס, ביי די מאַשינעס. דאָרט האָט אויך אַזוי געקאָכט און גע־זאָדען מיט אַרבייט. גאַרמענטס זיי־נען אויסגעפאַרטיגט געוואָרען, קליי־דער און מאַנטלען און פוטערוואַרג און אַלץ. מענשען האָבען די פאַרטיגע וואָרע געפּאַקט אין די קאַסטענס און צעשיקט עס איבער'ן לאַנד, ווייט אי־בער אַלע געגענטען און שטעט.

סעם איז שוין אַזוי געאיבט אין זיין אַרבייט, אַז ער וואָלט שוין געקענט מיט פאַרמאַכטע אויגען אויפנייען אַ גאַרמענט, ווען ער האָט נאָר זיך איינ־געאַרבייט אין אַ געוויסען „סטאַיל". און נייענדיג האָט ער אָפט ליב געהאַט צו פאַרקוקען זיך אויף די מענשען וואָס אַרום אים. ער האָט זיי אַלעמען שוין גוט געקענט. אַט דאָרט, מיט עטליכע מאַשינעס ווייטער פון אים, איז געזעסען נאַטע אַפּערייטאָר, וואָס מען האָט אים דאָ גערופען דער איינ־רייסער. זיין פּנים איז געווען צע־רונצעלט, ווי אַ פאַרשטויבטער שטיק

קעז. אַזוי צעהיצט האָט ער זיך ביי זיין אַרבייט, אַז עס האָט פון אים געשלאָגען אַ פּאַרע. און זיין אויסזעהן איז ווי פון אַ צעיאָגטען פערד, וואָס איז אַרויס פון שפּאַן.

דער אַלטער דזשעיקאָבס, ווידער, זיצט ביי זיין מאַשין זעהר באַראַכט. ער נייט און רויכערט און דער זעל־בער צייט. אין די צעקאַרבטע ליניעס פון זיין פּנים זעהט זיך אַנטוישונג, ביטערקייט, אויפגעגעבענע האָפענונ־גען. אַז אין שאַפּ, אינמיטען טאָג, וואָלט אויסגעפעלען אַרבייט אויף אַ שעה אָדער צוויי, וועט דזשעיקאָבס זיך אויסזוכען אַ „האַנט" אויף קאָרטען־שפּילען, און מען וועט אריינכאַפּען אַ „גיים" אויף דורכשטופּען די צייט.

און ביים פינישערס טיש איז אַלע מאָל פרעהליך. דאָרט זיצען מיידלעך, פינישערס, מיט זייער יונגען קער און זאָרגלאָזען געלעכטער, און לייבעלע פּרעסער, דער בוואַטסקער יונג, וואָס זיין פּרעס־טיש איז ניט ווייט פון פי־נישערס טיש, קוקט אַהין צו די יונגע מיידלעך מיט הונגעריגע אויגען.

אַז דער טאָג זאָל זיך ניט ציהען אַזוי לאַנג, וואַרפען זיך אַרבייטער דורך מיט פרעהליכע ווערטלעך, מיט וויצען אַלערליי. עס פאַלען ווערטלעך, וואָס האָבען אַ צווייטייטיגען באַדייט, וואָס זיינען דורכגעזאַפּט מיט ניבול פּה, פון וועלכע מען לאַכט געשמאַק, מיט הנאה.

און סעם הערט און זעהט דאָס אַלץ. און ער וואַרפט אַ באַאומרואיגענדיגען קוק צו דער אַנטקעגענדיגער מאַשין, וואו ס'זיצט זיין פריינט, סאָפיעלע, ווי ער וואָלט איר וועלען פאַרהיטען פון דעם שלעכטעס אַרום איר, אַז עס זאָל צו איר ניט צושטיין. זיין פּנים איז פאַרקלערט. און סאָפיע זעהט אים אַזאַ, און זי טוט שטיפעריש אַ וואָרף אַ שפּילקע פּאָדים אין זיין זייט. און זי רופט זיך צו אים אָפּ:

— סעם, פון וואָס האָט איר זיך דאָס אַזוי פאַרטראַכט אין מיטען דער אַרבייט?

איר וואַרימער שמייכעל איז פאַר אים ווי עס וואָלט זיך אַ שטראַל ליכט דורכגעריסען אַהער. און עס ווערט אים אויך היימליך אויפ'ן האַרצען.

און פאַרנאַכט, אַז ער איז געפאָרען אַהיים, האָט ער ווי אַלע מאָל זיך גע־שטופּט צו דער סאַבוועיטיר, און ער איז אריינגעטראָגען געוואָרען אינענ־ווייניג אין סאַבוועי אינאיינעם מיט אַ קנויל מענשען. די פולע, געפּאַקטע וואַגאָנעס האָבען אים דערמאָנט אַן מלחמה־צייט, ווען מען פירט די זעל־נער צום שלאַכט. יעדערער איז גע־ווען אַנגעכמורעט, אויפגערייצט איי־נער אויפ'ן אַנדערען, ווי זיי וואָלטען איז זיך געטראָגען עפּעס אַ גיפט. און עס האָט זיך געדוכט, ווען מען וואַרפט דאָ אַריין אַ שוועבעלע אין מיטען, וואָלט זיך אַנגעצונדען די לופט.

פאָרענדיג אַזוי האָט זיך סעם'ען גע־טראַכט פון דער מיידעל סאָפיע'ן. עס וואָלט אפשר זעהר שווער געפאַלען דאָס לעבען אין שאַפּ ווען ניט זי. אַז ער האָט ביי דער מאַשין דערזעהן דעם שוואַרצען, געלאָקטען קאָפּ איר'ן, איז אים גוט געוואָרען אויפ'ן געמיט. עס האָט פּאַסירט, אַז סאָפיע האָט אַמאָל פאַרפעלט קומען אַ טאָג אין שאַפּ. האָ־בען חברה באַלמעלאַכעס זיך שוין גע־וויצעלט און זיי האָבען זיך אָפּגערו־פען צו סעמ'ען:

— וואָס איז דער מער מיט דיין סוויטהאַרט, סעם? זי איז היינט ניטאָ.

און סעם האָט אויף דעם נאָר גוט־מוטיג געשמייכעלט און גאָרניט גע־זאָגט.

נעכטען בייטאָג, אַז זיי זיינען ביידע, ער און סאָפיע, אַרויפגעקומען אין שאַפּ פון זייער מיטאָג־עסען און זיי זיינען געשטאַנען און געוואַרט אַ ווייַ־לע ביז מען וועט אָנקלאַפּען אין גאַנג די מאַשינעס, האָט סעם זיך ערלויבט אַ שטיף טאָן מיט סאָפיע'ן. ער האָט איר אָנגענומען פאַר דער האַנט אַבי־סעל העכער פון עלענבויגען און האָט אַ לוסטיגער איר אריינגעקוקט אין פּנים אַריין:

—וואו ביזטו געווען, סאָפיעלע, מיט אַ פינף־און־צוואַנציג יאָר צוריק?

דאָס האָט געהייסען ווי ער וואָלט באַדויערט וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט בעלאַ'ן און ניט מיט איר. און סאָפיע האָט זיך גערויטעלט ווען זי האָט אים אָפּגעענטפערט:

— אַ, סעם, רעדט ניט אַזוי. וואָס איז דער מער מיט אייך?

---

איינמאָל איז צווישען סעמ'ען און זיין פריינט סאָפיע'ן שיר ניט אַרויס־געקומען אַ גאַנצע אַוואַנטורע. סעמ'ען איז איינגעפאַלען אַ מאָדנע זאַך. ער זאָל מאַכען מיט סאָפיע'ן אַ „דעיט" באַלד נאָך דער אַרבייט. און פאַר־ברענגען מיט איר אַ גאַנצען אָוונט, נאָר זיי ביידע, אונטער פיר אויגען. סעם האָט דעמאָלט געפיהלט יום־טוב'־דיג אויפ'ן האַרצען. דאָס איז געווען ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון זיין טאָכטער עלינאָר, אַז אינגיכען וועט געפּראַוועט ווערען די חתונה פון איר מיט לאַרי'ן. סעמ'ען האָט זיך גע־גלוסט מיט עפּעס אויסצודריקען זיין שמחה... „סעלעברעיטען". איז אים קיין אַנדער זאַך ניט איינגעפאַלען ווי נאָר דאָס, אַז ער זאָל מיט זיין פריינט סאָפיע'ן פאַרברענגען צוזאַמען אַ אָוונט.

(ווייטערס — מאָרגען)

## קרובים געזוכט

איצקאָוויטש, משה סרול און נאָטע, (אין דער היים זיך גערופען איציק) אין דיטראָיט און שיקאַגאָ, שטאַמען פון ווירושאָוו, פוי־לען. קינדער פון יהודה און דאַכע, געזוכט פון זייער פּלימעניק יהודה שלמה איצקאָ־וויטש, זוהן פון זייער ברודער אַליע (אליהו) פון ווירשאָוו, ערשט ניט לאַנג אין לאַנד. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

S. ICKOWICZ, c-o Mrs. Bergenbaum
317 East 8th St. New York, N. Y.

מר. געלערמאַן, ניו יאָרק, שטאַמט פון ווילנע. האָט מיט אַ יאָר צוריק געזוכט זיינע דריי שוועסטער חנה, שרה און דבורה געלערמאַן, ווערט געזוכט פון זיין אַמאָליגען פריינט פיליפּ מייעראָוויטש, פון ווילנע, ניט לאַנג אין לאַנד. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

PHILIP MEIEROWITZ
368 Christopher Ave.
Brooklyn, N. Y. Phone HY. 8-3487

אַבראַמאָוויטש, ישראל לייב, מעגליך אין שיקאַגאָ, פאָטער'ס נאָמען אַלטער אברהם יעקב, געבוירען אין דאָרף ווערלין ביי בער־סאַנעף, מוטער געהייסען שרה, געזוכט פון זיין פּלימעניק שמואל אַבראַמאָוויץ, זוהן פון שלמה לייזער, און ישראל. מעלדען אויפ'ן אַדרעס:

ISRAEL DRATLER
2972 W. 24th St., Brooklyn, N. Y.

אָרענשטיין, יוסף, בערטשי און זייער שוועסטער טויבע לאה, פאַרהייראַט צו האָפ־מאַן, אין די סטעיטס, שטאַמען פון יאָזעפאָוו, פוילען, געזוכט פון בצלאל יוסף אָפמאַן, גע־בוירען אין פלאָנטש, אַ זוהן פון זייער שוועס־טער חיה איטע אָרנשטיין־אָפמאַן, אַן אייני־קעל פון וויגדאָר אָרענשטיין, פון יאָזעפאָוו, ניט לאַנג אין לאַנד. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

JOSEPH OFFMANN, c-o Luden
1451 Wilkins Ave. Bronx, N. Y.

אַפּעלבוים, ריווע, מיידעלשער נאָמען קו־פּערשמידט, שטאַמט פון אַלעקסאַנדרע ביי ראַוונע, געוואוינט אין ברוקלין, אַרום 35 יאָר אין לאַנד, געזוכט פון איר ברודער עליע קופּערשמידט, געפינט זיך אין אַ לאַגער אין ישראל. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

Mrs. YETTA NEWMAN
4005 Vernon Blvd.
Long Island City, N. Y.

מיטעלשניידער, עלקע, געקומען קיין אַמע־ריקע מיט איר מוטער רחל, פאָטער האָט גע־הייסען יעקב, געווען אויף אַ לססט־רייזע אין לובלין אין 1930, געבוירען אין אַ פאַרשטאָט פון לובלין: טשעכאָוו; געזוכט פון איר קרוב, פאַטעל פייערשטיין. זיין אַדרעס איז:

P. FAIERSTEIN, c-o Smith
2115 Holland St. Erie, Pa.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ● ● ● פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

יענעם גאַנצען טאָג איז סעם געזעס־ען ביי זיין מאַשין ווי אַלע מאָל, נאָר אין זיך איז ער געווען שטאַרק אויפ־גערודערט. אַז סאַפיע האָט זיצענדיג אַנטקעגען אים מיט עפּעס זיך צו אים געווענדט, האָט ער זיך געשעמט איר קוקען גלייך אין די אויגען. דאָס איז געווען אַ געוואַגטער שריט, וואָס ער האָט פאַרטראַכט, וואָס ביז איצט האָט ער זיך דאָס ניט ערלויבט. ווי אַזוי וועט זי דאָס אויפנעמען? ער האָט יעדע ווײַלע געקוקט אויפ׳ן זייגער און געוואונשען, אַז דער טאָג זאָל זיך שוין וואָס גיכער ענדיגען, אַז ער זאָל קענען מיט איר רעדען, פאַרלייגען איר, אפשר, אַז זי זאָל געהן מיט אים אין אַ רעסטאָראַן עסען סאַפּער.

ענדליך זיינען די מאַשינעס אַנט־שוויגען געוואָרען. שוין. אַרבייטער האָבען אין איילעניש זיך אַ לאָז גע־טאָן צום אַרויסגאַנג פון שאַפּ, אַנטוענ־דיג אויפ׳ן וועג זייערע מאַנטלען. סאַפיע איז שוין אויך געווען אַנגע־טאָן אין איר מאַנטעל. זיי זיינען ביי־דע אַראָפּ אונטען אין גאַס. און איי־דער זיי האָבען זיך צעזעגענט האָט סעם איר אַנגערירט פאַר׳ן אַרבעל:

— סאַפיע, איך האָב געוואָלט ביי דיר עפּעס פרעגען, — האָט ער אַנגע־הויבען ניט דרייסט.

— אַלראַיט, סעם, פרעגט, — האָט זי זיך אַביסעל געוואונדערט.

— צי וואָלסטו וועלען מאָרגען נאָך דער אַרבייט געהן מיט מיר עסען סאַפּער אין אַ רעסטאָראַן?

— מיט אייך, סעם, עני טאַים (צו יעדער צייט), — האָט זי אָפּגעענט־פערט אין אַ לייכטען טאָן.

— איך מיין דאָס מיט אַן אמת, סאַפיע, — האָט ער גערעדט צו איר מיט אַן ערנסטער שטימע.

סאַפיע האָט אים אַנגעקוקט אַביסעל פאַרוואונדערט, נאָר זי האָט באַלד איינגעשטימט.

— אַלראַיט, סעם, איז אָפּגעמ־מאַכט. — האָט זי אים געענטפערט פּראָסט, פּשוט. סאַי־ווי האָט זי אויף מאָרגענדיגען אָוועגט ניט געהאַט ער־געץ וואו צו געהן.

דאָס איז געווען דאָנערשטאָג פאַר־נאַכט. אויף מאָרגען, פרייטאָג, באַלד אין דער פרי, איז ער, ווי אַלעמאָל, אַוועק צו דער אַרבייט. איידער ער איז אַוועק האָט ער ניט פאַרגעסען אָנזאָגען מעקס׳עס ווייב, סערע׳ן, אַז זי זאָל פאַר אים ניט אָנגרייטען קיין סאַפּער היינט. ביי דער צייט איז שוין ביי סעמ׳ען אין קאָפּ געווען פאַרטיג דער גאַנצער פּלאַן. ער וועט פריהער מיט סאַפיע׳ן עסען סאַפּער אין אַ רעסטאָראַן, דערנאָך וועט ער איר איינלאַדען געהן מיט אים אין אַ מואַווי. פרייטאָג־צו־נאַכט איז אַ גוּ־טער אָוועגט, ווייל אויף מאָרגען, שבת, דאַרף מען זיך ניט איילען אויפשטעהן פרי. אַביסעל איז סעם געווען צוטומעלט. ער וואָלט באַדאַרפט קומען צו דער אַרבייט אָנגעטאָן אין זיין גוטען אַנצוג, נאָר ער האָט זיך געשעמט; הברה באַלמעלאָבעס וועלען באַלד אָנהויבען שטעלען אים פראַגעס. און אָפּראַזירען זיך איז דערפרי האָט ער אויך פאַרגעסען. פאַרפאַלען, סאַ־פיעלע קען אים שוין גוט, אַזוי ווי ער איז.

דאָס איז געווען אַ שווערער טאָג פאַר סעמ׳ען. ער האָט ניט געקענט האַלטען זיין געדאַנק ביי דער אַרבייט. אין דעם גאַנג פון טאָג האָט סאַפיע אַפילו מיט סעמ׳ען זיך אַ וויצעל גע־טאָן, און זי האָט ביי אים געפרעגט, זיצענדיג אַנטקעגען אים ביי דער מאַשין:

— סעם, איר האָט נאָך ניט קיין חרטה אויף אונזער אָפּמאַך פאַר היינט אין אָוועגט?

— דערווייל נאָך ניט, — האָט סעם אויך געפּרואווט אָננעמען אַ גרינגען טאָן.

דערוויל איז אַלץ צוגעגאַנגען גוט. באַלד נאָך דער אַרבייט זיינען סאַפיע און סעם אַוועק צוזאַמען פון שאַפּ. זיי האָבען אַ לאַנגע ווײַלע אַרומשפּאַ־צירט איבער די גאַסען פון „גאַרמענט צענטער”, וואו עס איז איצט געווען שטיל און אויסגעליידיגט פון מענשען. סעם האָט אויסגעפונען דעם רעסטאָ־ראַן, וואָס ער האָט געהאַט אויפ׳ן אויג, אַז דאָרט גיבען זיי גוטע עסענס. זיי זיינען אַהין אַריין און זיך געזעצט ביי אַ טישעל, און סעם האָט באַ־שטעלט אַ גוטען סאַפּער. סאַפיע איז איצט געווען אין אַ פרייליכער שטי־מונג. זי איז געווען צופרידען צו זיצען דאָ מיט סעמ׳ען. וויפיל מאָל איז דאָ איר אויסגעקומען צו עסען סאַפּער אַליין, אָדער אין דערהיים ביי איר, מיט איר אַלטער, קראַנקער מאַמען.

עס קאָן זיין, אַז סאַפיע האָט אין האַרצען שטאַרק ליב געהאַט סעמ׳ען. אויף אַזאַ מיידעל ווי זי איז דאָס צו גלויבען. זי האָט איצט אויסגעקוקט זעהר באַלעבט און שעהן, מיט איר שוואַרץ־חנ׳עוודיג פּנים און די ווייבע, סאַמעטענע אויגען, און דאָס קליינע היטעלע איבער איר געלאָקטען קאָפּ האָר. זי האָט זיך אָנגעבויגען איבער׳ן טישעל און ביי סעמ׳ען אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, סעם, וואָס איז דאָס היינט ביי אייך פאַר אַ יום־טוב?

— דו מיינסט דאָס וואָס כ׳האָב גע־וואָלט, אַז מיר זאָלען עסען היינט צוזאַמען סאַפּער? — איז סעם אויך געווען גוט אויפגעלייגט, און ער האָט איר אַנטקעגען געשמייכעלט.

— יע, זאָגט מיר טאַקע, וואָס האָט פּאַסירט מיט אייך, עפּעס פּלוצלונג אַזוי...

— עס האָט פּאַסירט, — האָט איר סעם געזאָגט, — מיין טאָכטער, עלי־נאָר, זי קלייבט זיך חתונה האָבען.

— אָ, אַזוי? זאָל זיין מיט גליק. איך ווינש אייך דאָס פון גאַנצען האַר־צען, סעם.

— אַ דאַנק, סאַפיעלע, — איז סעם געווען גערירט. — און דיר ווינש איך אויך, אַז דו זאָלסט קריגען אַ פיינעם חתן, — האָט ער גערעדט מיט גע־טריישאַפט אין זיין קול.

איצט איז ביידען געוואָרען מיט אַמאָל ניט באַקוועם, און ביידע זיינען אַנטשוויגען געוואָרען. שפּעטער, אַז זיי האָבען שוין געהאַלטען ביים עסען זייער סאַפּער, איז זיי נאָך אַלץ שווער געווען צו פאַרבינדען צוריק אַ שמועס. איבערהויפּט האָט סעם עפּעס פאַר־לוירען אינגאַנצען זיין מוט. ער איז אַזש געוואָרען אויף זיך אַליין אין כעס. פאַרוואָס אין שאַפּ, אויף אַלע־מענס אויגען, האָט ער געקענט זיך האַלטען מיט סאַפיע׳ן אַזוי פריי און ניט געצוואונגען און דאָ, אַליין מיט איר, האָט ער זיך געפיהלט ווי גע־פּענטעט. סאַפיע האָט שוין אַפילו אויך באַמערקט ווי ער פיהלט זיך איצט ניט באַקוועם. זי האָט אים אַזוי ווי געוואָלט אַרויסהעלפען און זי האָט געמאַכט אַ רייד וועגען זיין טאָכטער, עלינאָר׳ן:

— וואָס פאַר אַ סאָרט מענש איז ער, אייער טאָכטער׳ס חתן?

— אָ, ער איז גאָר אַ וואָזשנער בחור. — האָט זיך סעם אַן דעם אָנ־געכאַפּט. ער האָט גענומען אויך ריידען פון עלינאָר׳ן, אירע פעאיגקייטען און איר פיינער כאַראַקטער:

— זי איז אַ טייער קינד. דו האָסט איר געדאַרפט קענען...

דאָך האָט זיך דער שמועס ביי זיי ניט געבונדען. זיי האָבען אָנגעהויבען פון עפּעס ריידען און באַלד אַליין דאָס איבערגעריסען. ניט־ווילענדיג איז סעמ׳ען דערמאָנט געקומען אויפ׳ן זינען בעלאַ, זיין ווייב. די ערשטע צייטען פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט איר, מיט איר דרייסטקייט, מיט איר חוצפּה קען מען זאָגען, האָט זי אים גענומען. יע, דרייסטקייט קומט צונויץ אַמאָל. בעלאַ וואָלט שוין געפונען אַ וועג, אַז זיי ביידע זאָלען ווערען אינטים. סאַפיעלע איז ניט אַזאַ... ער איז געזעסען און געטראַכט ווי אַזוי ער קען דערנענטער־רען איצט סאַפיע׳ן צו זיך. זאָל ער איר פאַרלייגען גיין אין אַ מואַווי? עס וועט אַרויסקומען אפשר אַ באַנאַל. עס וועט פאַר זיי ביידען פאַרביליגט ווערען דאָס וואָס זיי פיהלען איינע צו די אַנדערע. אפשר וועט דאָס נאָך אָפּשטויסען סאַפיע׳ן פון אים?...

עס האָט זיך סאַפיע׳ן איצט אויך איבערגעגעבען זיין צורודערטע שטי־מונג. זוכענדיג פון וואָס צו ריידען, האָט זי קיין אַנדער זאַך ניט געפונען ווי נאָר צו דערמאָנען דעם שאַפּ.

— דער באַלעבאָס אונזערער איז אַן אונמענש. מען וואָלט שוין גע־דאַרפט אומבייטען דעם שאַפּ, — האָט זי אָנגעהויבען. — איר דענקט ניט אַזוי, סעם?

— אָ, ס׳איז אומעטום די זעלבע זאַך, — האָט סעם געענטפערט צו־שטרייט.

— איר האָט פאַרגעסען טרינקען אייער טיי, סעם, און די קעיק.

— דו איילסט זיך שוין געהן אַהיים, סאַפיעלע?

— ניין, וואָס האָב איך קיין צייט ניט?

(פאָרטזעצונג מאָרגען)

## ניו יאָרק האָט איצט אַ גאַסט — אַ ישראל־דיגען „פּויער”

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

וואָרען צו זיין איר גאַסט אויף 20 טעג, באַזוכען אירע לאַנדווירטשאַפט־ליכע עקספּערימענטאַלע סטאַנציעס און אַרויסזאָגען זיין מיינונג וועגען דער אינדישער לאַנדווירטשאַפט.

ער איז אָפּגעזעסען זיין צייט אין קאַראַנטין, אָבער נאָכהער האָט אים די רעגירונג אַריינגעזעצט אין איינער פון די שענסטע האָטעלען פון באָמ־בעי, אים געגעבען דריי באַדינער און אים געפירט איבעראַל. און דער אָר־מאַנער איד און ישראל׳דיגער „פּויער” רעדט דווקא אַ סך שפּראַכען. ער רעדט: העברעאיש, אידיש, אַראַביש, טערקיש, רוסיש, אוקראַיניש, האָלענ־דיש, דייטש, אָבער ענגליש קאָן ער נישט. האָט אים די אינדישע רעגי־רונג אויסגעפונען אַ דאָלמעטשער, און ער האָט דאָרט אויך אויסגע־פאָרשט די לאַגע פון דער לאַנד־ווירטשאַפט און דער רעגירונג איבער־געגעבען אַ רעפּאָרט פון דעם איצטי־גען צושטאַנד, ווי אַזוי ער האָט אים געפונען.

אין באָמבעי האָט ער אויך אויס־געפאָרשט די לאַגע פון די „בני ישראל”, אַ אידישער שבט, וואָס איז כמעט ווי פאַרגעסען געוואָרען אין דער אידישער וועלט. אַגב, אַ גרויסער טייל פון דעם שבט קלייבט זיך איצט צו באַזעצען אין ישראל.

אַ געוויסע צייט האָט ער אויך פאַר־בראַכט אין קאַליפאָרניע, וואו דער קלימאַט איז זייער ענליך צו דעם אין ישראל. אַ אידישער פּויער קאָן אין קאַליפאָרניע אַ סך לערנען, וואָס קאָן צונייץ קומען אין דער לאַנד־ווירטשאַפט אין ישראל.

דאָ האָבען מיר דערמאָנט פון זיינע דערגרייכונגען אין לאַנד. אָבער דאָס איז נישט אַלץ. אים און זיין פרוי איז אויך געלונגען אויסצוהאָדעווען דריי פיינע קינדער, איין זוהן און צוויי טעכטער, און זיי געגעבען אַ גוטע ער־ציהונג. די טעכטער זיינען שוין פאַרהייראַט, און ער האָט אויך צוויי איינייקלעך.

אויב די לאַנדווירטען אין ישראל זאָלען קאָנען פאַרווירקליכען דאָס, וואָס ער האָט געלערענט אויף זיין איצטיגער רייזע — האָט ליפּאָוויצקי געזאָגט צום סוף — וועט מעגליך זיין אין פאַרלויף פון צוויי יאָר צו פאַר־גרעסערען די מילך־פּראָדוקציע מיט 25־30 פּראָצענט און פאַרגרעסערען די פאַשע־פּראָדוקציע מיט 40 פּראָצענט. און דאָס וועט זיין אַ גרויסע דער־גרייכונג.

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס“ — פון ראָוז שושנה

(פאָרזעצונג)

## אַ נאָמען נאָך זיין טאַטען

סעם האט געוואָלט, אז זי, זיין מאַ־מע, זאָל האָבן דעם פאַרגעניגען צו קויפען לעקער און בראָנפען פאַר איר געלט.

ער האט גאַרנישט געהאַט דאַגעגען און גענומען פון איר די פאַר צע־קנייטשטע דאָלאַרן, וואָס זיינען געווען איינגעלעגט און איינגעוויקעלט אפשר אין א צענדליג פאַפּירלעך. ער האט גענומען דאָס געלט און געגאַנגען צו דער טיר.

אָבער פעשע האט אים פאַרשטעלט דעם וועג. זי האט אַרויסגענומען דאָס געלט פון זיין האַנט און האט געזאָגט:

— ניין, נישט איר וועט געהן. איר זענט דאָך א בעל־שמחה. אייך דאַרף מען באַדינען. איך, איך וויל האָבן די מצווה. איך וועל געהן.

איידער סעם האט באוויזען איר צו ענטפערען האט זי שוין אַרויסגעריסען דאָס געלט פון סעמ'ס האַנט און זי איז געלאָפען נאָך לעקער און בראַנ־פען.

סעם איז געבליבען שטעהן אזוי פאַרוואונדערט. ווי גוט אַלע זיינען צו אים פלוצלינג געוואָרען! ער האט אָנגעהויבען צו גלויבען, אז ער איז טאַקע א בעל־שמחה און איז געשטאַ־נען, נישט גערירט זיך פון אָרט, נאָר געקוקט אין זיין מאַמע'ס ליכטיגען פּנים. אים האט זיך אויסגעוויזען, אז זיין מאַמע זעהט איצט גוט אויף אירע אויגען, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט דעם וואָלקען וואָס שטענדיג. זיי הא־בען איצט געקוקט עפּעס פרייער, לע־בעדיגער.

חנה האט מיט ציטערדיגע פינגער אַרויסגעשלעפּט א פינגערל און גע־זאָגט:

— זעהסט, דאָס איז פאַר מיין ערשט אייניקעל. איך האב עס אָפּגע־היט ווי מיין אויג אין קאָפּ, אָפּגעהיט עס פון די מערדער'ס הענט מער פון מיין לעבען. דאָס האט געטראָגען דיין טאַטע. און דאָס האב איך בא־שלאָסען צו געבען צו מיין ערשט איי־ניקעל. אזוי ווי מיר וועט נאָר אַבי־סעל בעסער ווערען און איך וועל קאָנען אויפשטעהן פון בעט; אזוי ווי מיינע קראַנקע פיס וועלען מיך נאָר טראָגען, וועל איך לויפען צו מיין ליבער שנור אין האָספּיטאַל און דערלאַנגען די מתנה מיין אייניקעל. ער וועט דאָך געוויס הייסען נאָך דיין טאַטען. דעם ערשט געבוירענעם זוהן קומט א נאָ־מען נאָכ'ן מאַנ'ס משפּחה. און ווי קאָן נאָר זיין א נעהענטערער נאָמען ווי נאָכ'ן טאַטענ'ס פאָטער? — האט זי געפרעגט און געוויינט.

— מיין אַרימער מאַן, מיין מנחם, האט דאָס נישט דערלעבט. אַרימער מנחם! אָבער ער וועט האָבן א נאָ־מען נאָך זיך. דאָס איז דאָך אויך א גרויסע זכיה... זעהר א גרויסע. נישט אַלע האָבן דאָס ביסעלע גליק דער־לעבט...

מיט ציטערדיגע הענט האט זי גע־עפענט א קליין שאַכטעלע פון שווע־בעלעך, וואָס מען פלעגט נוצען אין פוילען און אַרויסגענומען צווישען אַל־טע שוועבעלעך, א קליין שטיקעלע פליס פּאַפּיר, אין וועלכען זי האט גע־האַלטען פאַרפּאַקט איר מאַנ'ס רינג. קיינער וואָלט קיינמאָל נישט גע־גלויבט, אז צווישען די אַלטע שוועבע־לעך ליגט עפּעס באַהאַלטען, אזוי זאָרג־פעלטיג איז דאָס געווען פאַרפּאַקט.

— דאָס איז פאַר מיין אייניקעל... אוי, ווי דערלעבט מען שוין עס צו זעהן... איך וואָלט דאָך געפלויגען שוין אין האָספּיטאַל, שוין, אזוי ווי איך שטעה און געה.

אירע ריד זיינען געוואָרען איבער־געריסען. פעשע איז געקומען מיט לעקער און וויין, מיט פּאַפּירענע בראַנ־פען בעכערלעך. מען האט זיך אַרומגע־שטעלט אין א קרענצעלע, מען האט גע־טרונקען און געוואונשען.

חנה האט זיך געשטעלט אין דער מיטען און האט זיך געדרעהט אזוי ווי אין א טאַנץ מיט'ן פלעשעל בראַנ־פען אין האַנט, האט געזונגען און גע־טאַנצט, און אַלע אַרום איר זיינען גע־וואָרען פרעהליך פון דעם ביסעל וויין. די אַלטע מענשען האָבן שוין ניט פאַרנומען קיין ביסעל משקה. מען האט באַלד דערפּיהלט זיך יום־טוב'דיג און פרעהליך, מען האט געמאַכט א ראָד, אַרומגעטאַנצט אַרום חנה'ן, אזוי ווי עס וואָלט געווען א גרויסער יום טוב, אן אַלגעמיינע פרייד... געטאַנצט און געזונגען... אַלטע פיס האָבן גע־האָפּקעט א „פּאָלקא“. דאָס גע־זאַנג איז געוואָרען העכער און פרעה־ליכער. עס זיינען געקומען צו לויפען אַלע בעאַמטע, באַדינער, געבליבען שטעהן און צוגעקוקט, אזוי ווי היפּנאָ־טיזירט פון דער ספּאָנטאַן אויסגעבראָ־כענער פרייד, און זיי האָבן אָנגעהוי־בען מיט־טאַנצען.

אפילו די „שוואַרצע“ איז מיט דער באַרשט אין האַנט אַריין אין ראָד און מיטגעדרעהט זיך. דער גאַנצער מושב זקנים האט געטאַנצט, געפרעהט זיך מיט חנה'ס פרייד.

מען האט אַריינגעשלעפּט אין ראָד סעמ'ען.

— העי, וואָס שטעהט איר, בעל שמחה, אזוי טרויעריג? וואָס איז?! פרעהליך דאַרפט איר איצט זיין! פרעהליך! איר זענט געוואָרען א טאַטע, א טאַטע! קומט! טאַנצען! טאַנצען דאַרפט איר! טאַנצען! טאַנצען!...

מען האט אים געשלעפּט אין ראָד. ער האט פאַרגעסען, אז דאָס איז נישט זיין שמחה. ער האט פאַרגעסען, אז ער איז א געקויפטער טאַטע. די משקה האט אויף אַלעמען געווירקט. אַלע האָבן געטאַנצט. אָבער מער פון אַלע־מען האט געטאַנצט חנה... אזוי ווי א יונג מיידעל. אפילו פעשע האט פאַר־געסען אין איר טרויער און איר ערענסטקייט און האט אויך געטאַנצט.

דער מושב זקנים האט געטאַנצט. אַלטע לייט זיינען פלוצלינג יונג גע־וואָרען. דאָס איז געווען דאָס לעצטע „שוואַנען געזאַנג“. די אַלטע פיס האָבן געוואָלט ווייזען, אז זיי קאָנען נאָך א טאַנץ טאָן.

מען האט פאַרגעסען וואו מען גע־פינט זיך. מען האט פאַרגעסען ווער און וואָס מען איז. דער בראָנפען האט געטאַנצט. דער בראָנפען האט גע־זונגען.

סעם האט געטאַנצט, מיטגעדרעהט זיך. אָבער אין האַרץ האט געקלעמט. אין האַרץ איז געווען אזוי שרעקליך ענג... געטאַנצט אויף זיין אייגען אומ־גליק. אויף זיין קאָפּ האט נישט פאַר־נומען דאָס ביסעל צופיל משקה, וואָס ער האט אויסגעטרונקען מיט די אַלטע לייט. אָבער אַנשטאָט דעם וואָס די אַל־טיטשקע זיינען געוואָרען וואָס אַמאָל פרעהליכער, איז ער געוואָרען וואָס אַמאָל מער אומעטיג. אָבער ער האט דערשטיקט דעם אומעט, נישט געוואָלט אים ווייזען...

חנה האט זיך דערמאָנט אין דער מינוט אין איר אומגעקומענעם מאַן, אין אירע פאַרברענטע קינדער, און זי האט זיך אין מיטען טאַנצען יאָמערדיג צעוויינט. אָבער זי האט ניט איבערגע־ריסען דעם טאַנץ. זי האט געוויינט, אָבער געדרעהט זיך אין ראָד, גע־טאַנצט... געטאַנצט און געטאַנצט... אָבער פלוצלינג האט זי אין מיטען טאַנ־צען אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער ערד.

דער ראָד האט זיך אָפּגעשטעלט. אַלע פּנימ'ער זיינען פלוצלינג געוואָרן ערנסט, באַגאָסען מיט שרעק. מען האט איינגעבויגען די אַלטע רוקענס צו דער ערד. מען האט מיט פּחד געקוקט צו חנה'ן.

פעשע איז די ערשטע געקומען צו זיך און אָנגעהויבען רייסען חנה'ען:

— חנה, שטעהט אויף! חנה! חנה! א דאָקטאָר, גיכער! א דאָקטאָר! — האט זיך געהערט פון אַלע זייטען.

סעם איז געשטאַנען מיט פאַרגלאָצטע אויגען און ניט געוואוסט וואָס דאָ טוט זיך. ענדליך האט ער געזעהן ווי זיין מאַמע ליגט אויף דר'ערד. א שרעק־ליך געשריי האט זיך אַרויסגעריסען פון זיין ברוסט:

— מאַמע, מאַמע!

עס איז געוואָרען א געלויף, אַלע זיינען מיט אַמאָל געוואָרען אויסגעניכ־טערט. אזוי ווי מען האט פריער גע־טאַנצט, אזוי איז מען איצט געלאָפען אהער און אהין, אַלע האָבן געשריען:

— א דאָקטאָר! א דאָקטאָר!

חנה איז געלעגען אויף דר'ערד, דאָס פלעשעל אין האַנט, די האָר צעפּלאָ־שעט, די אויגען פאַרגלייזט און דאָס פּנים ווייס ווי קרייד, און נעבען איר איז געשטאַנען איר פאַרצווייפעלטער זוהן און געשריען:

— מאַמע! מאַמע! מאַמע!

(ווייטערס — מאָרגן)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרזעצונג)

זיי האָבן זיך ענדליך אויפגעהויבען. באַלד וועט סאָפיע אוועקגעהן פון אים און אַלץ וועט זיין געענדיגט. סעם האט באַצאָלט דעם וועיטער, וואָס איז קומט, און זיי האָבן זיך געלאָזען געהן אין גאַס אַרויס צו דער סאָבוועי.

— איר דאַרפט נעמען די „אַפּטאַון טרעין“, — האט אים סאָפיע געזאָגט. — און איך דאַרף פאָרען מיט אן אַנדער טרעין. איך וואוין אין ברוקלין.

— א יע. איך האב גאָר פאַרגעסען! — האט סעם געזאָגט.

ערשט די לעצטע מינוט איידער זיי האָבן זיך געזעגענט האט סאָפיע אַריינגעקוקט אין סעמ'ס אויגען און ער אין אירע. און אין זייערע בליקען איז אַלץ געווען. ווי טייער זיי זיינען זיך איינע די אַנדערע. אין דער מינוט איז ווי א וואַרימע כוואַליע איבער זיי אַדורך. סעם האט איר א גלעט געטאָן איבער'ן אַקסעל:

— גוד־באַי, סאָפיעלע.

— גוד־באַי, סעם...

דאָס איז געווען א קורצע צייט נאָכ־דעם ווי אַלץ איז איבערגעריסען גע־וואָרען צווישען עלינאָר'ן און לאַרי'ן. סעם ריווקין האט נאָך פון גאַרנים ניט געוואוסט. עלינאָר איז געלאָפען צו איר טאַטען, צו געפינען ביי אים א טרייסט. ווי אַלע מאָל האט זי ער־וואַרט פון אים, אז מיט זיין קלוגען וואָרט זאָל ער איר גרינגער מאַכען איר געמיט... עס איז גוט געווען איר צו פיהלען, אז ערגעץ לעבט א מענש, וואָס זאָרגט זיך וועגען איר, וואָס צי־טערט איבער איר, און אין זיין גע־טריישאַפט איז ער גרייט צו טאָן פאַר איר אַלץ אין דער וועלט.

ביי עלינאָר'ן איז אַלע מאָל געווען א געפיהל, אז ווען דער טאַטע וואָלט געווען אין דער היים, וואָלט אַלץ מיט איר געווען אַנדערש. דעמאָלט ווען זי האט באַגעגענט לאַרי'ן און זי האט זיך אין אים פאַרליבט, האט ער א סך מאָל דערמאָנט איר אין איר טאַטען, לאַרי, מיט זיין געזעצטער און סאָלי־דער נאַטור, און מיט זיין שטענדיגען זאָרגען זיך פאַר איר... און דערפאַר האט זי אים נאָך מעהר ליב געהאַט, און דערפאַר איז דער פאַרלוסט פון לאַרי'ן געווען פאַר איר נאָך שטאַר־קער. האַרצרייסענדער. און זי האט איצט אינגאַנצען ווי פאַרלאָרען דעם גרונט אונטער אירע פיס.

אין יענעם אָוונט, ווען זי איז גע־קומען זיך זעהן מיט איר טאַטען, האט זי אויסגעקוקט אזוי נידערשלאָגען; איר ליבער פּנים איז געווען פאַרצויגען מיט א בלייכקייט, אז סעם האט זיך אָזש דערשראָקען, און א ציטערדיגער האט ער איר אַריינגעפירט צו זיך אין צימער.

— וואָס איז מיט דיר, עלינאָר? — האט ער איר אָנגעכאַפּט פאַר א האַנט — דו ביזט געווען קראַנק? — האט ער אן איבערגעשראָקענער צו איר גע־רעדט.

עס האט געמוזט אוועקגעהן א לאַנגע ווייל ביז עלינאָר האט פאַר איר טאַ־טען אַלץ געקענט דערצעהלען. מיט שוועריגקייטען און דורך איינגעהאַל־טענעם געוויין האט זי צו אים גערעדט. דערנאָך איז זי געבליבען זיצען לעבען אים אויפ'ן שמאָלען בעטעל, איר קאָפּ אָנגעשפּאַרט אן זיין אַקסעל, און סעם האט מיט זיין האַנט געגלעט איר די האָר.

מיט טרויער איז געווען פאַרפילט זיין האַרץ, און זיין שטימע איז געווען צעבראָכען ווען ער האט ענדליך שוין געקענט איר עפּעס זאָגען:

— זיי ניט אזוי, עלינאָר, מען דאַרף ניט... דו מוזט זיך שטאַרקען...

— יעס, פּאַפּאַ... — האט עלינאָר נאָך מער איינגענורעט איר פּנים אין זיין אַקסעל.

סעם האט אין יענעם אָוונט לאַנג גערעדט צו זיין טאָכטער, פּראָסטע, פּשוט'ע ווערטער, ווי עס רעדט א טאַ־טע צו זיין קינד:

— אזא מיידעל ווי דו... עס פעלען דען אויס בחורים? גלויב מיר, טאָכ־טער, ער איז דיך ניט ווערט. דו האָסט א גוטען סימן. ווען ער וואָלט דיך ליב געהאַט מיט אן אמת, וואָלט ער אזוי ניט געהאַנדעלט. דו וועסט קריגען איינעם, וואָס וועט וויסען ווי דיך צו שאַצען...

ווי עלינאָר איז ניט געווען פאַראַ־מערט, האט זי אויף א ווייל פאַרגע־סען אן איר צרה. און עס האט זיך איר געדאַכט, אז ווידער איז זי א קליינע מיידעל. זי זיצט ביים טאַטען אויפ'ן שויס און, ווי אַמאָל, דער־צעהלט ער איר איצט וואונדערליכע געשיכטעס, וואָס ער האט אזוי פיל געוואוסט, און זיין שטימע דערגרייכט גלייך אין האַרצען אַריין און רוהיגט איר איין.

עלינאָר איז אוועק פון איר טאַטען א דערוואַרימטע, דורכגענומען מיט זיינע טרייסט־ווערטער. נאָר סעם ריווקין אַליין איז געבליבען זעהר נידערגע־שלאָגען און צעבראָכען. עס איז פאַר סעמ'ען געווען א גרויסער קלאַפּ צו דערוויסען זיך פון זיין טאָכטער, אז אַלץ איז שוין אויס צווישען איר און איר חתן לאַרי פינקעל. אין פאַרצווייפ־לונג האט ער זיך אָזש פאַר'ן קאָפּ גע־כאַפּט. פאַרוואָס? ווי אזוי? די ערשטע זאַך האט אים זיין געוויסען אונטערגעזאָגט, אז ער, סעם, איז אין דעם שולדיג. ער האט איבערגעלאָזען עלינאָר'ן אויף הפקר און זאַכען טוען זיך מיט איר אָפּ אָהן אים, אָהן א טאַטענ'ס אויג, וואָס זאָל איר באַשיי־צען אויפ'ן וועג פון איר יונגען לעבען.

סעם ריווקין האט לאַרי'ן נאָך קיין איין מאָל ניט געזעהן. נאָר פון דעם וואָס עלינאָר האט אים אַנומעלטען דערצעהלט האט ער זיך געקענט פאָר־שטעלען, אז ער איז גאָר א וואוילער בחור, לאַרי, און ער וועט זיין איר ריכ־טיגער באַשערטער. סעם איז דעמאָלט געווען גליקליך. ענדליך איז עלינאָר שוין פאַרזאָרגט מיט א גוטער צו־קונפט. אזוי האט ער זיך אַליין בסדר איינגערואיגט דעמאָלט, ווייל צווישען אַלע זיינע זאָרגען איז די זאָרג פאַר זיין טאָכטער שטענדיג געווען אויפ'ן ערשטען פּלאַץ. אפילו דעמאָלט ווען ער האט געזעהן ווי עלינאָר איז אזוי שעהן אויסגעוואַקסען, גאַנץ און געזונט מיט אירע גלידער. און ווי זי איז גע־וואָרען א זעלבסטשטענדיגער מענש, איז זיין האַרץ נאָך אַלץ ניט געווען רואיג פאַר איר צוקונפט, ביז ער וועט ניט זעהן זי איינגעאָרדענט מיט א פיינעם בחור און מיט א ריכטיגער היים.

עלינאָר איז געווען ז י י ן טאָכ־טער, און סעם איז געווען שטאָלץ מיט איר. ער האט אין איר געזעהן זיינע אייגענע שטריכען. אירע פעאיגקיי־טען, איר אינטעליגענץ, איר אינטער־רעס צו לייענען און צו וועלען וויסען, און איר אייגענעם קוק אויף זאַכען... סעם האט ליב געהאַט צו דערמאָנען זיך פון יענע צייטען ווען עלינאָר איז נאָך געווען א קליין מיידעל, ווי זי האט שוין דעמאָלט זיך געשטעלט אַנט־קעגען איר מאַמען און ניט געלאָזען זיך פון איר דאָמינירען. עלינאָר האט איבערגענומען די שטריכען פון זיין אייגענער נאַטור, פון ניט וועלען זיך אונטערגעבען אונטער יענעם, נאָר האָ־בען אן אייגענעם ווילען. און סעם האט אזוי ווי געזעהן זיך אין זיין טאָכטער. ער איז געווען מיט איר שטאָלץ און ער האט זיך געשפּיגעלט אין איר.

דעם בעסטען באַווייז, אז עלינאָר איז ז י י ן טאָכטער האט סעם גע־האַט דעמאָלט ווען ער האט פאַרלאָזען די היים. זי האט אים ניט פאַרהאַסט. זי איז דורכגעגאַנגען דעם קריזיס ניט געשעדיגט... און זי איז געשטאַנען מיט אים ביי זיין זייט. און דאָס איז גע־ווען א גרויסע טרייסט פאַר אים.

אָבער איצט, נאָך דעם ווי ער האט זיך דערוואוסט וואָס מיט עלינאָר'ן איז געשעהן, האט ער זיך שוין מיט קיין זאַך ניט געקענט טרייסטען, ווייל דאָס, וואָס האט אים אַלע מאָל געשראָקען, איז געשעהן. ער האט זיין עלינאָר'ן געטאָן שאַדען. ער איז ניט געווען מיט איר אין אזא ערנסטער מינוט. עס האט איצט האַסטיג אַרומגעשפּאַנט איבער'ן צי־מער און ער האט געפיהלט ווי א חרטה האט גענומען גריזשען אים אין האַרץ. וואָס איז געווען דער גאַנצער אויפטו זיינער מיט זיין אַוועקגעהן פון דער היים? וואָס האט ער מיט דעם דערגרייכט?

אויף דער מינוט האט ער אפילו שוין פאַרגעסען צוליב וואָס די קריגערייען זיינען געווען צווישען אים און זיין ווייב. און אפילו אַנטקעגען בעלאַ'ן האט ער זיך איצט געפיהלט שולדיג. זי האט געהאַנדעלט ווי א מענש, נאָכ־דעם ווי ער איז פון איר אַוועק. זי האט ניט געמאַכט קיין סקאַנדאַלען און זי האט אים ניט פאַרפאָלגט. און זי האט גאָרניט געפאָדערט פון אים. דאָס איז געווען א גרויסע זאַך פון איר זייט. און סעם האט עס איצט ערשט גענומען באַגרייפען. און ער? ווי האט ער געהאַנדעלט?

אזוי האט סעם איצט אַליין זיך גע־פייניגט מיט געפיהלען פון חרטה און מיט כעס אויף זיך אַליין. א מענש, אפילו מיט א גוטען כאַראַקטער, אזוי ווי סעם, קען אַמאָל אָפּטאָן א שלעכטע זאַך, מאַכען א פאַלשען טראָט, וואָס עס זאָל דערנאָך זיין גאַנצען לעבען וועגען שווער אויף זיין געוויסען.

(ווייטערס מאָרגן)

## אַ נייער סאָרט „בום“ אויף וואָל סטריט

(שלום פון עריטאָריעל פּעידזש)

פּראָספּעריטי. די בראָקערעדזש אָפּי־סעס טוען גוטע ביזנעס. אין דעם לעצ־טען יאָר האָבן די קויפער פון סטאַקס ניט דערלייגט קיין געלט. אָבער דאָס איז געקומען בלויז צוליב דעם וואָס ביז איצט האָבן מיר ניט געהאַט קיין ווילדע ספּעקולאַציע. אָבער ווי זאָגט מען, מיט'ן עסען קומט דער אַפּעטיט. אייניגע וואָס האָבן געקויפט סטאַקס אַלס אינוועסטמענט האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון א פּראָפיט, און עס איז דאָ א געפאַר, אז זיי זאָלען אָנפאַנגען צו ספּעקולירען. אַלע ביז־איצטיגע „בומס“ אין וואָל סטריט האָבן זיך פאַרענדיגט מיט גרויסע ספּעקולאַ־ציעס און נאָך דעם איז געקומען א קראַך, און דער ברייטער עולם האט פאַרלאָרען א סך געלט. ס'איז דערי־בער דאָ איצט אויך א גרויסע געפאַר. ספּעציעל פאַר אומערפאַרענע מענשען. ווען זיי קומען אַריין אין וואָל סטריט און זיי דענקען, אז מען קען מאַכען א שנעלען פּראָפיט צוליב דעם, ווייל זיי האָבן געהערט אז זייער שכן האט געמאַכט א פּראָפיט. וואָל סטריט איז דער שווערסטער פּלאַץ אין דער וועלט פאַר דעם דורכשניטליכען מענשען צו מאַכען א פּראָפיט. מיט א יאָר צוריק, ווען די פּרייזען אויף סטאַקס זיינען געשטאַנען פאַרהעלטנישמעסיג ביליג, האט דער ברייטער עולם ניט געקויפט קיין סטאַקס. די צרה איז, וואָס דער ברייטער עולם ווערט אַריינגעצויגען אין וואָל סטריט ווען עס אַנטוויקעלט זיך א ווילדע ספּעקולאַציע און דער דורכשניטליכער אומערפאַרענער מענש צאָלט אומבאַרעכטיגטע הויכע פּרייזען פאַר זיינע סטאַקס און נאָכהער געפינט ער אויס, אז ער האט איבערגעצאָלט. עס איז אַלעמאָל דאָ א געפאַר צו ספּע־קולירען אין וואָל סטריט, אפילו ווען עס איז ניטאָ קיין „בום“. אין צייט פון א „בום“ איז דאָ די גרעסטע געפאַר פאַר דעם דורכשניטליכען מענשען ווען ער לאָזט זיך דאָרט אַריין אין ספּעקולאַציע. דער דורכשניטליכער מענש טאָר ניט פאַרגעסען, אז דער פּראָצענט פון מענשען, וואָס מאַכען פּראָפיטען אין וואָל סטריט איז זעהר א קליינער.

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאַר „פאָרווערטס" — פון ראָזע שושנה

(פאָרטזעצונג)

## ליבע, ערלויב מיר דיך ליב צו האָבען

דאינע לעסקי־גרינפעלד, ווי זי האט זיך איצט גערופען, איז געווען א גאר אנדער טיפ פרוי, ווי די מערסטע אמעריקאנער איצטיגע מיידלעך. זי האט פארקערפערט אין זיך אלץ צוזאמען — די רייפע ענטוויקעלטע פרוי און דאס נאאיווע, אונערפארענע מיידעל. זי האט געגלויבט, ווען זי האט געליבט, אונענדליך געגלויבט. אבער זי האט אויך אנגענומען זעהר לייכט די אלע סארטען קאמפלימענטען, מיט וועלכע יונגעלייט האבען זי באשאנקען. דאינע האט געוואוסט איר ווערט. זי האט געוואוסט, אז זי איז א סך שענער פון אירע חבר'טעס, אבער זי האט צוליב דעם זיך ניט געהאלטען גרוים. זי האט ליב געהאט צו פלירטעווען, אבער ביז א געוויסען גרעניץ; זי איז געווען א פאראנטווארטליכער מענש און טאקט־פול. איידער זי האט זיך מיט לייב און לעבען פארליבט אין הערי וואקס, האט זי שטענדיג געמוזט איבערדרייען זיך פון די צופיל „דעיטס", וואס מען פלעגט איר פארלעגען. זי איז שטענדיג געווען זעהר א פרייליכע, אבער דאך ניט קיין פוסטע. עס איז ממש געווען א פארגעניגען מיט איר צו פארברענגען.

זי האט אבער געהאט זעהר אן עקסטרעמען כאראקטער. ווען זי האט עפעס ליב געהאט, איז דאס געווען מיט לייב און לעבען; ווען זי האט געהאסט, איז עס אויך געווען מיט איר גאנצען איך — זי איז אריינגעפאלען פון איין עקסטרעמקייט אין דער אנדערער. איר ליבע צו הערי'ן איז געווען אזא ליבע, וועלכע קאן זיך ענדיגען צוזאמען מיט'ן לעבען.

כאטש זי איז איצט אזוי שטארק ענטוישט געווארען; כאטש ער איז אוועק פון איר אהן א זיי־געזונט, האט זי דאך אים געליבט און געגלויבט, געגלויבט און געהאפט, געבענקט און געווארט.

איצט, ליגענדיג אין האספיטאל אלס קימפעטארין, איז איר גרעסטער גליק געווען די מינוט, ווען זי האט געהאט דאס קינד ליגען נעבען איר ברוסט. ווען דער דאקטאר האט איר געפרעגט, צי זי וויל אליין נערען איר קינד, האט ער דאס נאר געפרעגט פארמעל. ער האט דאך געוואוסט, אז אמעריקאנער יונגע פרויען זויגען ניט זייערע קינדער. די קינדער אין אמעריקע ווערען אויפגעהאדעוועט אויף „פארמולעס". געזונטע, יונגע מוטערס ווילען ניט טאן אזא אלט־מאדישע זאך, ווי זויגען אליין זייערע „בעיבים".

— וואס בין איך א קוה? — ענטפערט אזא יונגע מוטער.

דאינע האט אבער, צום דאקטאר'ס איבערראשונג, געענטפערט גאנץ איבערצייגענד:

— יא, דאקטאר, איך וועל אליין זויגען מיין קינד.

דער דאקטאר איז געווארען איבערראשט פון אזא ענטפער. אבער דאינע איז אויסגעוואקסען א סך העכער אין זיינע אויגען.

די מינוטען, ווען דאינע האט געהאלטען דאס קינד ביי איר ברוסט, ווען דאס קליינע קעפעלע האט זיך געטוליעט צו איר לייב, ווען די פיצינקע ליפעלעך האבען געזויגען פון זיי די מילך, האט דאינע זיך געפיהלט ממש הימליש. דאס בלויזע פיזישע באריהרונג פון די קליינע דארשטיגע ליפעלעך, ווען די ברוסטען זיינען געווען אנגעפילט מיט מילך, האט איר פארשאפט אומגעהייערען פיזישען פארגעניגען און גענוס. דאינע פלעגט דעמאלט פארמאכען די אויגען און איבערגעבען זיך דעם געפיהל מיט לייב און לעבען. זי האט דערפיהלט אזא סאמעטענע, ווארימע כוואליע דורכדרינגען איבער איר גאנץ לייב, עפעס אזא צארטעס, ליבעס, שטילעס... וואס נאר א יונגע פארליבטע מוטער קאן פיהלען.

מיט די טראפען מילך, וועלכע זיינען געפלאסען פון איר ברוסט אין דעם הונגעריגען העלזעלע פון איר קינד, האט עס אריינגעזויגען אין זיך די מוטערליכע ליבע. דאינע האט דאס געפיהלט. דאינע האט דאס קליינע באשעפעניש פארגעטערט. איר גרעסטער פארגעניגען זיינען געווען די מינוטען, ווען זי האט געהאט דאס קינד ביי איר ברוסט. אט פאר דעם געפיהל זיינען שוין ווערט געווען אלע ליידען.

דאינע האט געקענט ליבען און דאינע האט געקאנט ליידען.

דאינע האט אויך צייט געהאט צו טראכטען דעמאלט ווען מען האט ביי איר צוגענומען דאס קינד, און ווען עס זיינען אוועק די באזוכער. דאמאלס האט דאינע געהאט גענוג צייט צו חלום'ען וועגען אלעם וואס עס איז מיט איר געשעהן.

זי דערמאנט זיך, ווען זי איז געזעסען ביי הערי'ן נאך א שטורעם פון ליידענשאפט, ווען הערי איז שוין געווען אויסגעשטורעמט. אבער זי איז געווען באהעפט מיט אזא הייליג געפיהל פון ליבע, און זי האט מיט צערטליכע ווערטער געשעפטשעט ווי שטארק זי האט אים ליב, האט ער פלוצלונג אזא ניכטערער א פרעג געטאן:

— דאינע, וואס איז ליבע?

— כ'קאן עס דיר ניט שילדערען, כ'קאן עס דיר ניט ערקלערען — האט זי דעמאלט געענטפערט מיט שטראלענדיגע אויגען. — דער, וועלכער האט ניט געפיהלט אין זיך דאס פארבארגענע ציטערען פון ליבע, דער האט ניט געלעבט. דער, וועלכער האט ניט געפרייט זיך, אהער געטרוייערט; דער, וועלכער האט ניט געפיהלט דאס הארציקלאפעניש; ווער עס האט ניט געפיהלט דאס ענגקייט אין ברוסט, וואס וויל ממש אויפרייסען פון צופיל געפיהל — דער האט ניט געלעבט! דער, וואס האט ניט געפיהלט אין דער דעמערונג־שעה א מארנע בענקעניש פאר עפעס אזעלכעס, וואס לאזט זיך ניט דערקלערען; דער, וואס האט ניט געליבט, ניט געליטען אירע פריידען און ליידען — דער האט ניט געלעבט! די ליבע, וועלכע מיר פארשטעהען אמווינציגסטען, און וועלכע איז אמווייטאגסטען, איז דאך ניט דערקלערבאר. זי הערשט איבער אונז מיט אזא מעכטיגער קראפט. אט די צארטע ליבע קאן פארט באפעהלען, קאן צוברעכען לעבענס, רואינירען פאמיליעס, קאן מארדען, אומברענגען — און דאך בענקט מען נאך איר. דאך וויל מען זי, די ליבע; דאך גארט מען און מען ווארט אויף איר, אזוי ווי אויף עפעס גאר, גאר הייליגעס, טייערעס, הימלישעס, אזוי ווי איך אויף דיר, מיין הערי, מיין לעבען. דערפאר איז די ליבע שטארקער פון אונז. דערפאר בענקען מיר נאך איר, און ווען כ'דערגרייכט זי, צושמעלצען מיר זיך אין איינעם, אזוי ווי מיר ביידע...

— ליבע, ערלויב מיר דיך ליב צו האבען! — האט דאינע אויסגעשריען און ווידער געטוליעט זיך צו איר ליבען הערי. אוודאי האט זי דעמאלט געגלויבט, אז הערי פיהלט דאס זעלבע.

ווען דאינע טראכט וועגען דעם ווארט וואס זי האט נאר וואס ארויסגערעדט, אז „דעמאלט האט זי געגלויבט", ווערט איר קאלט אין גאנצען לייב. נייין, ניט בלויז דעמאלט, נאר אויך היינט גלויבט זי אין הערי'ס ליבע. זי איז זיכער אין דעם. געוויס איז עס מעגליך, אז ער האט איר ניט געטארט זאגען, אז ער געהט אוועק אין דער ארמיי. געוויס האט דאס געמוזט זיין א סוד, א מיליטערישער סוד. איר טיפער צוטרוי צו הערי'ן מאכט אפילו אזא געדאנק פאר מעגליך. זי איז זיכער, אז ער וועט באלד צוריקקומען, דער פאטער פון איר קינד. ער וועט צוריקקומען א גליקליכער, מיט נאך מער ליבע, ווייל ער האט זיך דאך אזוי שטארק פארבענקט נאך איר.

מען האט איבערגעריסען אירע געדאנקען, מען האט אריינגעבראכט א בוקעט וואונדערשעהנע, פרישע רויזען.

ס'איז ניט געווען צוגעלעגט קיין צעטעל, פון וועמען די רויזען זיינען. דאינ'ן האט דאס הארץ אנגעהויבען קלאפען, ווי מיט א האמער. אונטער דעם איינדרוק פון אירע געדאנקען, וועגען וועלכע זי האט איצט געטראכט, האט איר פאנטאזיע געמאלט, אז די רויזען זיינען טאקע פון הערי'ן. ער איז געקומען, דער אויסגע'חלום'טער געליבטער... ער האט צוערשט געשיקט די וואונדערבארע בלומען.

אז די בלומען האט געקאנט שיקען אן אנדערער... — דאס איז איר איצט אפילו ניט געקאנט איינפאלען.

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

## קאַפּיטעל זעקס און דרייסיג

די טעג זיינען איצט געווען ליכטיגע, אנהויב זומערדיגע. א פרישער ווינטעל האט צעריסען די וואלקענס און עס האבען זיך אנטפלעקט שטיקער בלויער הימעל. אז עלינאר איז אויפ'ן וועג אהיים פון סקול דורכגעלאפען דעם פארק איז די ערד אונטער די פיס געווען ווייך און נאכגעביג. עס האט פון דער ערד געשלאגען מיט ווארימקייט. די צווייגלעך פון די בוימער זיינען אנגעקוואלען געווארען און געגומען ארויסלאזען פון זיך גרינע בליעכצען. עפעס רייצענדיגס און צוזאגענדיג איז געווען אין דעם ארום, און עלינאר האט דערפיהלט אין זיך די באקאנטע אומרואיגקייט, בענקטשאפטען נאך פרייד, אז עפעס גוטס זאל מיט איר געשעהן.

אהן א שום אורזאך פלעגט זיך איר אפט פארגלוסטען צו פארמאכען זיך אין איר צימער און גוט זיך אויסוויינען. דאס זיינען אפשר געווען גוטע טרערען, וואס האבען אפגעוואשען די רעשטלעך פון איר אומעט, וואס איז נאך שווער געלעגען אויף איר הארצען. און ווען די דערמאנונג פון לארי'ן איז פארביי־געלאפען אין אירע געדאנקען, האט זי עס באלד פארטריבען פון זיך. און עס איז איר אפילו ניט אנגעקומען זעהר שווער דאס מיהען זיך צו פארגעסען אן אים.

זי איז דאך נאך געווען אזוי יונג, מיט אזוי פיל לעבען אין זיך. אירע באגערען האבען עפעס פון איר געמאנט. זי איז געווען הונגעריג נאך לעבען, און זי האט גע'חלומ'ט פון עפעס א נייער געשעהעניש, וואס זאל איר קומען אנטקעגען. אז די וואך ארבייט אירע אין סקול האט זיך געענדיגט, האט זי נאך מער דערפיהלט אין זיך דעם אומרו. עס געהט א וויקענד. וואס זאל זי מיט זיך טאן? זי האט מער ניט געוואלט פארבלייבען מיט זיך אליין. זי מוז זעהן מענשען. אירע פיס האבען אזוי ווי אהן איר אייגענעם ווילען אוועקגעפירט איר אויפ'ן וועג צו איר פריינדין מארטא, וואס דארט אין הויז איז איר אלע מאל געווען גוט.

עס איז אמת, אז די לעצטע צייט איז עלינאר אהין געגאנגען מיט דעם געדאנק, נאך אמאל צו באגעגענען דארט דעם בחור מיט דעם נאמען „סאני". שוין א פאר מאל, אז זיי האבען זיך דארט געטראפען, און יעדעס מאל האט זי זיך געפילט צערודערט א לאנגע צייט נאכדעם. ער איז געווען הויך און שלאנק און ברוינהויטיג, מיט א סענסיטיוו אויסגעאיידעלט פנים און א קוטשמע שווארצע האר, וואס פאסמעס פון זיי זיינען אים יעדער מאל געפאלען אויפ'ן שטערן. אין זיין שמייכעל איז געלעגען עפעס הפקר'דיגעס, כישוף'דיגעס. זיין מאניערע פון האלטען זיך צו איר איז געווען מארנע. ער פלעגט געבען אויף איר א קוק כלומר'שט גלייכגילטיג, נאר עפעס איז שטענדיג געווען הינטער זיין בליק. עלינאר האט נאר געוואוסט, אז עס איז איר אויסערגעוועהנליך אינטערעסאנט מיט אים. און זי האט פשוט געזוכט צו באגעגענען אים ווידער.

דעם מאל, אז זי איז געקומען צו מארטא'ן, האט זי אים דארט ניט געטראפען. זי האט דארט פארבראכט דעם אווענט מיט אירע פריינט. און ערשט, אז זי איז שוין געווען גרייט צו געהן אהיים, אנגעטאן אין איר מאנטעל, איז סאני אנגעקומען.

— א, איר געהט שוין אוועק? — האהט ער איר א פרעג געטאן. — קומט, איך וועל אייך אפפירען אהיים, אויב איר ווילט. — האט ער באלד צוגעגעבען.

ער האט זיך ניט גערעכענט מיט דעם, וואס ער איז נאר וואס געקומען. ער האט זיך נאר אנטשולדיגט פאר מארטהא'ן און איר מאן. און ער איז אוועק אינאיינעם מיט עלינאר'ן.

— איר וואוינט ווייט פון דאנען? — האט איר סאני געפרעגט, ווען זיי זיינען שוין געווען אין גאס. עלינאר האט אים געזאגט, אז זי וויל ניט, אז ער זאל איר אפפירען אהיים.

— פארוואס ניט, עלינאר? — האט זיין שטימע געקלונגען מיט ווארימקייט, מיט היימישקייט. — איך בין א דזשענטעלמאן, איך וועל ניט לאזען א לעידי געהן אליין אהיים.

— איך וואוין ניט ווייט. איך וועל נעמען די קאר, — האט זי גערעדט אפגעהאקט, איילענדיג. זי איז געווען אביסעל פארלוירען. דעם ערשטען מאל איז זי געווען מיט אים אליין, אהן זייטיגע מענשען. סאני האט איר אנגעקוקט א ווייילע צומאכענדיג די אויגען. ער האט אזוי ווי שטודירט, געפארשט. ביידנ'ס בליקען האבען זיך באגעגענט, צוגעצויגען געווארען. ביידע זיינען געבליבען ווי היפנאטיזירט. דאס האט געדויערט נאר איין קורצע ווייילע. עלינאר האט באלד צוגעכאפט איר בליק. זיי זיינען א ווייילע געגאנגען איבער דער גאס שווייגענדיג.

— אט איז מיין קאר, — האט זי זיך אויף גיך א כאפ געטאן, דערזועהענדיג אין מיטען גאס א קאר אנפארען. זי האט זיך אויף גיך מיט אים געזעגענט. איילענדיג איז זי פון אים אוועק. געפילט, אז סאני שטייט דארט און קוקט איר נאך.

אן אנדער טאג, אין א פארנאכט — זי איז נאר וואס ארויסגעקומען פון סקול מיט א פאר ביכער אונטער'ן ארעם — האט זי ווידער סאנ'ן דערזען. ער האט ווייזט אויס איר אפגעווארט ביז זי וועט ארויסקומען פון סקול. זי האט אים דערקענט פון דער ווייטענס. הויך און דין און בויגעוודיג, מיט זיין שעהנעם קאפ שווארצע האר. — „ער זעהט אויס ווי אן ארטיסט". — איז איר איינגעפאלען. ער האט, דערנעהענטערנדיג זיך צו איר, געשמייכעלט. ביידע זיינען פון דער באגעגעניש ניט געווען איבערראשט. ווי זיי וואלטען שוין געווען אלטע, גוטע פריינט:

— וואס פאר א ביכער האט איר דא מיט זיך? — האט ער ביי איר א פרעג געטאן.

— איך דארף צוגעהן אין ביבליאטעק זיי בייטען. עס איז דא ניט ווייט.

— איך וועל געהן מיט אייך, — האט ער זיך אליין פארגעשלאגען.

זיי זיינען אפגעגאנגען עטליכע גאסען. און שפאצירענדיג אזוי האבען זיי דערוויייל זיך צערעדט, וועלכע ביכער יעדער פון זיי האט ליב צו לייענען. סאני'ן האבען אינטערעסירט אזעלכע ביכער, וואו דער שרייבער ברענגט ארוים דאס לעבען פון דעם סארט יונגע מענשען הויך־אנטוויקעלטע, פעהיגע, נאר זיי קענען זיך ניט אריינפאסען אין אונזער איצטיגען לעבען. זיי זיינען אזוי ווי אהן א בארען אונטער די פיס. אזעלכע מענשען זיינען „פראסטרעיטעד", אנטוישט, פעסימיסטיש און ביטער. זיי לעבען ניט ווי זיי ווילען, טוען זאכען, וואס זיי האבען ניט ליב. זיי פיהלען זיך עלענד אין אונזער וועלט. אזעלכע ביכער זוכט ער שטענדיג צו לייענען.

ער האט געקענט ריידען שעהן. סאני, און עלינאר איז געווארען שטארק פאראינטערעסירט, דאס האט זי אזוי געשטימט מיט איר אייגענעם געמיט. זי האט דאך געהאלטען, אז זי אליין באלאנגט אויך צו יענעם סארט מענשען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז זי און סאני האבען איין געשמאק פאר דיזעלביגע ביכער.

אזוי פארטאן זיינען זיי געווען אין זייער שמועס, אז זיי האבען ניט באמערקט ווי אייב גארדאן, עלינאר'ס פריינט, איז אנגעקומען מיט דעמזעלבען וועג. ער איז אויך געווען אן אפטער באזוכער אין דער „פאבליק לייברערי".

— העלאו, אייב, — האט אים עלינאר באגריסט. אייב, דערזעהענדיג זיי ביידען האט זיך דערפילט אפהענגיג. ער האט פארדעכטיגט, אז דאס האבען זיי זיך אפגערעדט דא צו טרעפען. זיי האבען געמאכט א „דעיט". דאס הארץ האט אים געזאגט, אז עלינאר נעמט זיך ווידער דערווייטערען פון אים. זי און סאני זיינען עפעס צו־גוטע פריינט געווארען. — „פארפאלען... זי וויל דאס אזוי". — האט ער אומעטיג נעגעבען א טראכט.

זיי האבען איצט אלע דריי זיך אפגעשטעלט אין דרויסען, ניט ווייט פון דער ביבליאטעק.

(ווייטערס מאָרגען)

# איז משיח שוין טאַקע געקומען?

(שלום פון פעריזש 8)

וואונדערען, אלע קעניגע ווועלען עפענען די מיילער פון באוואונדערונג.

— דאס איז געווען, זיידע, זיכער א נאציאנאלע אמביציע פון די אידען.

— א ניין, מיין קינד, די אידען האבען פון ערפארונג געוואוסט, אז עס איז ניטא קיין זיכערע גאולה פאר איין פאלק ווען עס איז ניטא קיין וועלט גאולה, און עס איז ניטא קיין זיכערער פרידען פאר קיין שום פאלק אהן א וועלט פרידען.

— אבער די אידען גלויבען דאך שוין ניט אין אזא משיח, און די וועלט אויך ניט!

— מילא, וועגען די אידען, מיין קינד, וויל איך איצט ניט ריידען. זיי זיינען אזוי פארצערט ווי איוב, און איוב האט א סך זאכען געזאגט אין זיין פארצווייפלונג וואס ער האט ניט באדארפט זאגען. אבער טיף אין הארצען האט ער געגלויבט.

און אויך די אידען ווייסען דאס, אבער זיי זיינען צעטומעלט און זעהר א סך ווייסען נעבער ניט, ווייל זיי זיינען עם־הארצים...

— איך זעה, מיין קינד, אז דער זייגער איז שוין עלף און עס איז צייט צו רוען, און מיר זיינען שוין לעבען מיין טיר. אבער ביז מארגען, אם ירצה השם, וויל איך דיר דערציילען א מעשה וואס וועט דיר געבען שטאף צו פארטראכטען זיך.

— אדרבא, זיידע.

עס איז געווען אין די יארען פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע אין 1905. דו ביזט נאך אויף דער וועלט ניט געווען.

איינמאל בין איך, ווי מיין שטייגער איז, געזעסען אין בית מדרש בין מנחה למעריב און געלערנט. פלוצלינג איז אנגעקומען אן עולם יונגע לייט מיט א רעדנער און אפגעהאלטען א סאבראניע, אדער ווי דא הייסט, א מיטינג. נאך די רעדעס האט דער עולם געזונגען א ליד.

און ווי דו קענסט מיך, בין איך א נייגעריגער מענש, האב איך זיך צוגעהערט וואס זיי זאגען און וואס זיי זינגען. לעבען מיין שמענדער איז געשטאנען א יונגער פויל און געזונגען מיט גרוים התלהבות ווי א מוסר'ניק „צמאה לך נפשי", עפעס א ליד. און די ווערטער זיינען געווען:

„משיח און יודענטום ביידע געשטארבען.

א נייער משיח קומט אן.

דער אידישער ארבייטער..."

און אזוי ווייטער.

דא האב איך זיך שוין ניט איינגעהאלטען און אים צוגערופען.

— הער נאר, יונגערמאן — האב איך אים געזאגט, קאנסטו מיר ניט אויסטייטשען וואס דו זינגסט?

דו זאגסט, אז משיח און יודענטום זיינען געשטארבען, טא צו וואס ברויכסטו א נייעם משיח, און דווקא א אידען. פארוואס געפעלט דיר ניט דער אלטער משיח?

— ווייל דער אלטער משיח — האט דער יונגער מאן מיר געזאגט — איז אן אויסגעטראכטער צו פארפירען די ארביימער מאסען, זיי זאלען ניט קעמפען פאר זייער רעכט געגען די קאפיטאליסטען.

— וואס, אייגענטליך, ווייסטו פון אלטען משיח? — האב איך אים געפרעגט.

דער יונגער מאן איז געבליבען שטיין, אט ווי דער איד וואס האט אונז נאר וואס איבערגעריסען.

— איך ווייס ניט — האט ער ערליך געזאגט — אזוי האט מען מיר ערקלערט.

— ביזטו געגאנגען אין חדר?

— האב איך אים געפרעגט.

— יא, נאר בלויז צו קאנען לייענען עברי.

— און תנ"ך האסטו געלערענט?

— ניין.

— האסט צייט?

— נאר ביינאכט.

— טא קום מארגען ביינאכט אהער — האב איך אים געזאגט — און איך וועל דיר דערציילען ווער עס איז אזוינס דער אלטער משיח.

אויף מארגען איז דער יונגערמאן געקומען און איך האב אים פארטייטשט די דריי קאפיטלעך פון ישעיה. און נאכדעם האב איך אים געפרעגט:

— ווי געפעלט ער דיר?

דער יונגערמאן האט זיך פארטראכט און שטיל געזאגט:

— דאס ווילען מיר דאך, די בונדיסטען.

— נו, איצט, ווי מיינסטו, דארף אזא משיח שטארבען?

— ניין, האט ער געזאגט. אבער דער משיח איז דאך פון גאט, און איך גלויב ניט אין גאט.

— איך רייד איצט מיט דיר ניט פון גאט. איך רייד מיט דיר פון משיח'ן. געפעלט ער דיר?

— יא — האט ער אראפגעלאזען דעם קאפ.

— איצט גיי זיך געזונטערהייט און טראכט אליין. אפשר וועסטו פון משיח'ן קומען צו גאט — האב איך אים געזאגט.

— און וואס איז געווארען, זיידע?

— דאס ווייס איך ניט, מיין קינד. נאר איך בין זיכער, אז אויב ער לעבט נאך, און געפינט זיך אין רוסלאנד, דערמאנט ער זיך אן מיר זיכער, נאכדעם ווי ער האט געזען וואס עס איז געווארען פון נייעם משיח. און אפשר האט ער פון אלטען משיח זיך אומגעקערט צו גאט.

און דו, מיין קינד, קאנסט זיך אויך פארטראכטען וועגען דיין זיידען'ס גאולה. און איצט האב מיר א גוטע נאכט.

און דער זיידע איז ארויף אויף די טרעפלעך און פארשוואונדען אין שמאלען, לאנגען, פינסטערען קארידאר פון הויז.

דאס איינקעל איז נאך א לאנגע צייט געשטאנען פאר די טרעפלעך, געקוקט אויפ'ן הימעל, וואס איז געווען צוגעדעקט מיט'ן רויטען שימער פון די מיליאנען ליכטער, די שנירלעך פערעל פון ברוקלין ברידזש, די שאטענס פון די מענשען וואס זיינען מידע אים פארבייגעגאנגען... און נאכדעם, מיט לאנגזאמע טריט, אוועק צום סאבוועי פון דער זעקסטער עוועניו.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— איר קענט זיך דאָך — האָט עלינאָר געזאָגט זיך ווענדענדיג צו זיי ביידען. אייב האָט עפּעס אַ מורמעל געטאָן, אַז ער האָט שוין געהאַט דאָס פאַרגעניגען צו באַגעגענען סאַני׳ן ביי מאַרטהאַ׳ן אין הויז, און סאַני האָט נאָר צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— אייב לערענט. ער געהט אין קאַלעדזש, — האָט עלינאָר געפּונען פאַר פּאַסיג צו ערקלערען סאַני׳ן. — ער שטודירט פאַר דאָקטאָר.

— דאָס איז פיין, זעהר פיין. — האָט סאַני אַ זאָג געטאָן, אפשר מיט אביסעל איראָניע אין זיין שטימע. ער איז ניט געווען באַגייסטערט פון אייבי׳ן. ער, אייב, האָט אפשר איס געשטערט מיט זיין אַנקומען איצט. דאָס איז געווען צו זעהן אַז סאַני׳ס גלייכגילטיגער מינע.

— באַי דהי וועי — האָט עלינאָר זיך געווענדעט צו סאַני׳ן — איר האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט, וואָס איר טוט מיט זיך. איר לערענט געוויס אויך אין קאַלעדזש?

— יאָ, איך לערן, — האָט סאַני אָפּגעענטפערט מיט עפּעס אַן אומבאַשטימטען טאָן.

— וואָס פאַר אַ „סאַבדזשעקט" (געגענשטאַנד) נעמט איר אויף, מעג איך פרעגען? — האָט אייב זיך צו איס אַ ווענד געטאָן. סאַני האָט געענטפערט אָהן חשק:

— איך בין פאַראינטערעסירט ניט אין איין סאַבדזשעקט. עס איז אַ פאַקט — האָט ער זיך געווענדעט מער צו עלינאָר׳ן ווי צו אייבי׳ן — איך האָב אויפגענומען „סאָשעל סאַיענס", ליטעראַטור, געשיכטע. דערווייל האָב איך נאָך ניט אויסגעקליבען קיין איינעם פון זיי.

עלינאָר איז געווען איבערוועלטיגט. זיי זיינען נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען און געשמועסט. סאַני האָט אינגיכען זיך אָפּגעזעגענט און ער איז אַוועק און אייב און עלינאָר זיינען אַריין אין ביבליאָטעק. זיי האָבען אויסגעקליבען די ביכער, וואָס זיי האָבען געדאַרפט, און דערנאָך זיינען זיי ביידע געגאַנגען אַהיים.

— דער סאַני, — האָט עלינאָר זיך אָפּגערופען צו אייבי׳ן, — ער זעהט אויס צו זיין אַ טיפער מענש. ער איז זעהר אינטעליגענט און ער האָט אַ סך געלייענט.

אייב האָט אויף דעם גאָרניט גע-ענטפערט. ער האָט נאָר דעם גאַנצען וועג אַ הוים אונטערגעברומט עפּעס אַן אומעטיג ניגון׳דעל.

---

דאָס איז געווען אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכדעם ווי סאַני האָט עלינאָר׳ן אָפּגעוואַרט ביי איר סקול. ס׳איז געווען אין אַנהויב אָווענט. עלינאָר האָט ערשט געהאַט אָפּגעגעסען סאַפּער. דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. זי איז געלאָפען ענטפערען. אַ מענערישע שטימע, סאַני׳ס שטימע, האָט צו איר גערעדט:

— ווען קען איך דיר זעהן, עלינאָר?

— איך ווייס ניט — האָט זי אָפּגעהאַלטען זיך אַ ווײַלע פון ענטפערען — מאָרגען אפשר — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ ניט־באַשטימטען טאָן.

— מאָרגען? פאַרוואָס ניט היינט?

— איז סאַני צוגעשטאַנען.

— איז דאָס אַזוי וויכטיג? — האָט עלינאָר צוריקגעקראָגען איר לייכטען, שפּילעוודיגען טאָן.

— איך האָב אַ סורפּרייז דיר צו מאַכען — האָט ער איר געזאָגט.

— אַ סורפּרייז? דאָס איז אינטערעסאַנט.

— קען איך אַרויפקומען צו דיר אין שטוב, איצט?

— ניין — האָט געענטפערט עלינאָר. זי האָט ניט געוואָלט, אַז די מאַמע אירע זאָל איס זעהן, סאַני׳ן. ס׳וועלען זיך באַלד אָנהויבען פרעגעס.

— איך וועל וואַרטען אויף דיר אונטען אין גאַס — האָט סאַני איר ניט אָפּגעלאָזט.

— גוט, איך וועל באַלד אַראָפּקומען.

שוין לאַנג האָט זי ניט געפיהלט אַזוי אויפגערודערט. זי האָט אויף גיך געגעבען אַ טו־אָן איר מאַנטעל; האָט אַ זאָג געטאָן איר מאַמע׳ן, אַז זי וועט באַלד אַרויפקומען צוריק. פאַר בעלא׳ס אויג האָט די גאַנצע זאַך אויסגעזעהן מאָדנע־סודות׳דיג. און זי האָט נאָכגעקוקט איר טאָכטער הוי־בענדיג מיט די אַקסלען.

„איט׳ס נאָטינג סיריאַס" (ס׳איז גאָרניט ערנסט), האָט עלינאָר אַ טראַכט געטאָן אין זיך, ווי זי וואָלט וועלען אימיצען באַרוהיגען, איר מאַ-מען אפשר, אָדער גאָר איר אַלטען פריינט, אייב גאָרדאָנ׳ען, האָט זי מיט דעם געהאַט אין זינען.

זי איז אַראָפּגעפלויגען אונטען אין גאַס און זי האָט דאָרט קיינעם ניט געזעהן. אַן אויטאָמאָביל איז אָנגעפאָרען און זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון איר; אַ האַנט האָט איר גערופען פון קאַר. עלינאָר האָט זיך געמאַכט ניט־זעהענדיג. זי האָט געמיינט, עס איז אימיצער אַ פרעמדער רופט איר פאַרען פאַר אַ „ראַיד". ווי דאָס טרעפט אַמאָל. אַז דאָס רופען האָט ניט אויפגעהערט איז זי צוגעגאַנגען נעהנטער. זי האָט דערזעהן סאַני׳ן זיצען אין אויטאָמאָביל. ער האָט צו איר גע-שמייכעלט.

— דו, סאַני! ווי קומסטו דאָ צו זיצען? — האָט זי זיך געוואונדערט.

— איך זיץ אין מיין אייגענער קאַר — האָט ער געענטפערט מיט אַ לייכ-טען געמיט. — דאָס איז דער סורפּראַיז, וואָס איך האָב דיר געוואָלט מאַכען.

עלינאָר האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָפענעם פענ-סטערל פון דער קאַר.

— „יו מאַסט בי וועריי ריטש" (דו מוזט זיין זעהר רייך) — האָט זי ניט אויפגעהערט צו וואונדערען זיך, און פון אַלע זייטען באַקוקט די שעהנע, גלאַנציגע קאַר.

— ניט איך בין רייך, נאָר „מאַי אָלד מען". — ער האָט געהאַט אין זיי-נען זיין טאַטען. — איך בין געקומען דו זאָלסט אַביסעל זיך דורכפאָרען מיט מיר — האָט ער איר לייכט אָנגערירט פאַר דער האַנט.

עלינאָר איז ניט געווען באַשלאָסען. זי האָט געשוויגען שטיל.

— „קאָם אָן, עלינאָר!" — און גע-עפענט פאַר איר דאָס טירעל פון דעם אויטאָמאָביל.

זי האָט ניט געקענט זיך אַנטקעגענ-שטעלען זיין צודרינגליכען בליק, וואָס האָט געהאַט אַזאַ כוח איבער איר, און זי האָט ניט־ווילענדיג נאָכגעגעבען.

— אָלראַיט—האָט זי אַ זאָג געטאָן.

ער האָט איר געהאָלפען אַריינשטיי-גען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעב-בען איס. סאַני האָט זיך אַ בויג גע-טאָן צו איר און געפרעגט האַלב אין שפּאַס:

— דו האָסט ניט מורא צו פאָרען מיט מיר, עלינאָר? צו פאָרען מיט מיר פאַר אַ ראַיד?

— מורא? וואָס פעלט דיר איין?

— האָט זי געענטפערט בראַוו.

מיט פלינקער באַוועגונג פון זיינע הענט האָט סאַני אַ קערעווע געטאָן דאָס ועדעל פון זיין אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך לייכט אַוועקגעגליטשט איבער די בראָנקסער גאַסען אויפ׳ן וועג צו דאַון־טאַון. ער האָט געשיקט אויסגעמיטען דעם טרעפיק, וואָס איז געוואָרען וואָס ווייטער אַלץ ענגער, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין סענט-ראַל פּאַרק. דאָ, איבער די גרעמע, האַלב־באַלויכטענע אַלייען, האָט ער געלאָזט לויפען די קאַר מיט מער אימ-פּעט.

עלינאָר איז געווען אַנטציקט. זי האָט ניט געקענט געדענקען אויב זי האָט ווען־עס־איז געפיהלט אַזוי גוט ווי איצט. זי האָט צוגעמאַכט די אויגען און געלאָזט דעם ווינטעל גלעטען איר פּנים. אַז זי האָט די אויגען צו-ריק געעפענט האָט זי באַגעגענט סאַ-ני׳ס צופרידענעם בליק. ער האָט לייכט זיך אָנגעבויגען צו איר:

— דיר אַרט ניט וואָס איך לאָז אַזוי שנעל לויפען די קאַר?

— אָ, ניין. איך האָב ליב אַזוי. קענסט פאָרען נאָך שנעלער, אויב דו ווילסט.

ענדליך האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אין אַ זייטיגע, טונקעלער אַלייע פון פּאַרק.

(ווייטערס — מאָרגען)

# אַ האַלבער מיליאָן אידישע יוגענט אָנגעשלאָסען אין די „אידישע קאָמיוניטי סענטערס"

פון ב. סמאָליאַר

(שלום פ.; פּעידזש 1, סעקשאַן 2)

נען די דאָזיגע באַציאונגען ניט קיין איבעריג פריינטליכע.

אויף דער קאָנווענשאַן פון דער דזשואיש וועלפעיר באָרד, וואָס איז פאָרגעקומען אין סינסינעטי, האָבען די קאָרגע פינף הונדערט דעלעגאַטען דערפאַר אַוועקגעגעבען פיל צייט צו ברענגען די ראַבאַים און די סאָשעל־וואָירקערס צו אַ שלום אויפ׳ן געביט פון אַרבייט צווישען דער אידישער יוגענט. צי אַזאַ שלום קען ווירקליך איינגעשטעלט ווערען איז אָבער אַ גאַנץ אַנדער פראַגע. די ראַבאַים לייגען, נאַטירליך, דעם טראַפּ אויף דער רעליגיעזער זייט פון אידישער ער-ציאונג. די סאָשעל וואָירקערס לייגען דעם טראַפּ אויף וועלטליכער ערציאונג. דער אונטערשייד לאָזט זיך קוים אויסגלייכען.

מען דאַרף ניט פאַרגעסען אַז, אויסער מיטגלידער, קומען אין די דזשו-איש קאָמיוניטי סענטערס אויך אידי-שע באַזוכער וואָס זיינען ניט קיין מיטגלידער, אָבער וועלכע געניסען פון דער פאַרשידענאַרטיגער טעטיגקייט פון די סענטערס. די מיטגלידערשאַפט איז טאַקע אַרום אַ האַלבען מיליאָן, אָבער די סענטערס באַדינען אַ יאָר פיל מער ווי אַ מיליאָן יונגע מענשען. אויב מען זאָל רעכענען אַז די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע איז ניט מער ווי פינף מיליאָן מענשען, און אַז אַ זעהר גרויסער טייל פון איר זיינען עלטערע מענשען און קינ-דער — אַנדערע עלעמענטען וואָס ווייסען גאָרניט וועגען דער עק-זיסטענץ פון די דזשואיש סענטערס — דאַן ווערט קלאָר, אַז אַרום די סענטערס גרופּירט זיך פאַקטיש דער סאַמע לעבעדיגסטער טייל פון אַמע-ריקאַנער אידענטום.

וועגען דעם פאַרנעם פון דער טע-טיגקייט פון די דזשואיש סענטערס קען מען האָבען אומגעפעהר אַ באַגריף, ווען מען שטודירט זייערע בודזשעטען וועלכע באַטרעפען מיליאָנען דאָלער אַ יאָר. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבען אייגענע געביידעס. היינט־צו־טאָג ווערען די געביידעס פון די דאָ-זיגע סענטערס אָפּגעשאַצט אין ווערט פון אַרום זעכציג מיליאָן דאָלער.

זעלבסטפאַרשטענדליך האָט יעדער דזשואיש סענטער און יעדע געביידע פון יאַנג מען׳ס היברו אַסאָסיעישאַן איר אייגענעם סטעף אַנגעשטעלטע. דער פּראָפעסיאָנעלער סטעף פון די דאָזיגע אינסטיטוציעס צעהלט אַ פּאָר טויזענט מענשען. די הויפּט־פירער פון דעם סטעף שטעהען אין שטענדיגער פאַרבינדונג מיט דעם הויפּט־אָפיס פון דער נעשאַנעל דזשואיש וועלפעער באָרד אין ניו יאָרק פון וואַנען זיי קריגען עצות און אָנווייזונגען וועגען זייער אַרבייט.

די פאַרבינדונג צווישען די דזשו-איש סענטערס איבער׳ן לאַנד און דעם אָפיס פון דזשואיש וועלפעיר באָרד אין ניו יאָרק איז ניט קיין צוואַנג־זאַך. זי ווערט אָנגעהאַלטען אויף אַ פריי-ווילינגען אופן. די סענטערס אָנערקע-נען די אויטאָריטעט און דעם פּרעס-טיזש פון וועלפעיר באָרד, פּונקט ווי קינדער, וועלכע זיינען ניט אָפּהענגיג פון זייערע עלטערן, אָנערקענען בונ-דעסטוועגען די אויטאָריטעט פון די עלטערן. זיי קריגען פון דער וועלפעיר באָרד פון ניו יאָרק הילף דורך ראַט און טאַט און זיי שאַצען עס געהעריג אָפּ. די וועלפעיר באָרד פירט פאַר זיי דורך אויך פון צייט־צו־צייט אָפּ-פרישונגס־קורסען פאַר זייער פּער-סאָנאַל צו האַלטען די מיטגלידער פון סטעף פריש וועגען אַלעס וואָס קומט-פאָר אין דעם אידישען געזעלשאַפט-ליכען לעבען.

דער פּרעסטיזש פון דער נעשאַנעל דזשואיש וועלפעיר באָרד — אַלס ראַטגעבערישע אינסטיטוציע פאַר די אידישע סענטערס און אַלס קלירינג־הויז פאַר זיי — איז באַזונדערס גע-וואַקסען פאַר די לעצטע צען יאָר זינט פראַנק וואַיל, אַ פּראָמינענטער ניו יאָרקער לאָיער און הויך־רעספּעקטיר-טער אידישער פירער, איז געוואָרען פּרעזידענט פון דער דאָזיגער אינסטי-טוציע. מר. וואַיל האָט אַלע זיינע יאָ-רען זיך געווידמעט צו פירערשאַפט גראַד צווישען דער אידישער יוגענט. ער איז געווען אַקטיוו אין ניו יאָרק אין דער יאַנג מען היברו אַסאָסיאיי-שאַן און איז, מיט באַזונדערער ליבע געווען טעטיג אין דער אָרגאַניזאַציע פון אידישע באָי־סקאַוטס אין אַמערי-קע פון וועלכער ער איז געווען דער פירער לאַנגע יאָרען.

אויף דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאַן פון דער נעשאַנעל דזשואיש וועלפעיר באָרד, וואָס איז פאָרגעקומען אין סינ-סינעטי, האָט מר. וואַיל מער ניט געוואָלט לויפען פאַר פּרעזידענט. די קאָנווענשאַן האָט איס באַעהרט מיט דער געהעריגער ליבע וואָס אַזאַ פּער-זענליכקייט ווי ער האָט זיך פאַרדינט פאַר די יאָרען פון זיין שטילער פי-רערשאַפט. אַ באַשיידענער מענש, און דערביי אַ זעהר וואַרימער איד, האָט ער פאַר די צען יאָר פון זיין פירער-שאַפט פאַרדינט; אויך פּערזענליכע ליבע פון פּרעזידענט רוזוועלט און פּרעזי-דענט טרומאַן. אין דער אַרבייט פון אויסבילדען די אַמעריקאַנער אידישע יוגענט צו זיין גוטע אַמעריקאַנער, אָבער אויך גוטע אידען, האָט מר. וואַיל געשפּילט אַ ווירקענדע ראָלע. ער אַליין איז, פאַר יענע וואָס קענען איס, דער בעסטער מוסטער, פון וועלכען מען קען זיך לערנען ווי אַזוי צו זיין אַ הויך־רעספּעקטירטער אַמעריקאַנער און אַן איבערגעגעבענער איד אין דער זעלבער צייט.

# ניט אַזוי שרייבט מען געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור!

פון מ. אשעראָוויטש

(שלום פון ליטעראַטור פּעידזש)

דרוק און גיבען קיינעם ניט קיין באַ-גריף וועגען דעם וואָס פאַר אַ גרויסער קינסטלער דוד בערגעלסאָן איז און וואָס פאַר אַ טאָן ער האָט אַריינגע-בראַכט אין אונזער אידישער ליטעראַ-טור.

אויך מאַני לייב, דער גרעסטער און צאַרטסטער דיכטער אונזערער, וואָס איז אין זיין קינסטלערישען שאַפען אַזוי עהרליך און אויפריכטיג, אַז ווי שטאַרק מ׳זאָל ניט אויסנעמען מיט ווייגען אויפ׳ן קול, קען ער בלויז גע-בען אַ שטילע, זיפץ, אָבער אַזאַ וואָס קומט פון דער סאַמע טיפעניש פון האַרצען און וואָס איז אַן אָפּקלאַנג פון יענע אַלטע אידישע זיפצען, וואָס האָ-בען זיך אין די צייטען פון גרויסע אומגליקען אַרויסגעריסען שוין נאָב-דעם ווי אַלע קוואַלען פון טרערען זיי-נען געווען אויסגעטריקענט — אויך איס האָט יודל מאַרק אין זיין אָפּהאַנדלונג אָפּגע׳פּטר׳ט מיט צוויי־און־אַ־האַלב שורות. ניט מער.

האַלטענדיג זיך ביי דעם שאַבלאָן, וואָס האָט שוין לאַנג אַ פּניב פון חוזק, ווייל נאָך אַלעמען איז דאָס דאָך ניט מער ווי אַ פּוסטער אָנשטעל פון פּ-לומרשט וואַזשנער פאַרדיסענקייט, האָט יודל מאַרק אין זיין אָפּהאַנדלונג להלוטין איגנאָרירט אַזעלכע גאַנץ באַוואוסטע אידישע שרייבער ווי ז. לעווין, מ. אַדערשלעגער, ב. באַטווי-ניק און מ. שמואלזאָן, וועלכע האָבען מיט זייער שאַפען אַ סך הייגעטראָגען צו דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. אויך אַזעל-כע שריפטשטעלער און דיכטער ווי ל. טרייסטער, נח גאָלדבערג, נחום יוד, ל. פיינבערג, ראַשעל וויפּרינסקי, מאַרק שווייד, אַברהם טווערסקי, אליעזר גרינבערג, א. לוצקי און אַ גאַנצע ריי אַנדערע האָט ער איננאַנצען איגנאָ-רירט. ער איז אין דעם פּרט געגאַנגען אויף דעם זעלבען וועג, אויף וועלכען עס זיינען נאָך פריער אין אַזעלכע פאַלען שוין געגאַנגען די אַלע אַנדערע, וואָס האָבען פון באַקוועמליכקייט־וועגען אָנגענומען דעם שאַבלאָן פון יענע, וועלכע ווערען גאָר קיינמאָל ניט מיד צו שרייען פון אַלע דעכער און אויף אַלע געמאַרקען, אַז זיי און נאָר זיי האָבען דאָס מאָנאָפּאָל אויף דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור — אויף דער פּראָזע, אויף דער פּאָעזיע און אויך אויף דער קריטיק...

און עס איז שוין ציט אַרויסצוקר-מען גענען דעם אַזוי שאַרף ווי ס׳איז נאָר מעגליך און דערמאָנען די וואָס האָבען אַ טבע צו פאַרגעסען, אַז ניט דווקא זיי זיינען ראוי צו זיין די שומרים ביים היכל פון אונזער אידי-שער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אַזוי שיין צעבליט און צעוואַקסען אין׳ם לעצטען האַלבען יאָרהונדערט; און אַז אויב מ׳קען זיין גערעכט אָדער אומגערעכט ביים אָפּשעצען די ווערק פון דעם אָדער יענעם שרייבער, האָט אָבער קיינער קיין רעכט ניט אים אינ-גאַנצען אויסצומעקען פון דער ליטע-ראַטור! אַלע זיינען מיר אינאיינעם געשטאַנען ביים באַרג סיני; אַלע האָ-בען מיר אינאיינעם גענומען אויף זיך אָפּצוהיטען די תורה. און ס׳איז מער ווי זיכער, אַז ווען ס׳וואָלט זיך נאָר נ י ט געווען אָפּגעטיילט קיין באַזונ-דער ק ל י ק ע מיט כלומרשט וואַזש-נע פּרעטענזיעס און מיט געשוואָרענע שומרים ביים היכל, וואָלט אונזער אי-דישע ליטעראַטור געוויס אַ סך גע-וואונען דערפון.

אָבער אַזוי גייט עס שוין; עס איז דער אידישער ליטעראַטור אונזערער ניט באַשערט קיין נחת; זי האָט אויך ניט קיין מזל צו די, וואָס נעמען אַמאָל אויף זיך די מיסיע צו דערציילען עפּעס וועגען איר דער ניט־אידישער וועלט.

## וויכטיג פאַר שאַוועלער לאַנדסלייט

אַ וויכטיגער בוך פון אידישען לע-בען אין שאַוועל און קאָוונע, געשריבען פון באַוואוסטען שרייבער און לאַנדס-מאַן, ל. שאַליט, וועלכער געפינט זיך אין ישראל, איז איצט אַרויס פון דרוק. דער בוך ענטהאַלט אַלע איינצעלהיי-טען פון אידישען לעבען אין דער צייט פון היטלער־אָקופּאַציע.

זיך ווענדען פאַר דעם בוך צו:

Louis Yankelovitz

8 Cornhill Street

Boston 8, Mass. (•

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מ. ה. ראסקין

(פארטזעצונג)

— אה! — האט עלינאר פארגעניגענדיג אויסגערופען. ער האט איר איצט אנגעקוקט גאר מיט א נייעם אינטערעס. דער בלייכער שיין פון די עלעקטרישע לאמפען צווישען די ביימער האט שארף אפגעצייכענט איר איצטיגען אויסזעהן. איר שעהנקייט איז געווען פון א באזונדערען, פיינעם סארט. די מאטע ווייסקייט פון איר פנים; די טונקעלע, פינקלענדיגע אויגען און די שאטענדיגע וויהעס; אירע פרישע, פולע ליפען זיינען געווען אביסעל צעעפענט דורך איר שמייכעל; א ברייטע לענטע האט צענויפגענומען אירע געלאקטע האר. זי האט אויסגעזעהן אזוי יונג־מיידעליש רייצענדיג. דורך פארשמעלערטע אויגען האט ער מבינ'יש איר באטראכט, און זי האט איינגעבליט אויף דאסניי אונטער זיין בליק. זי האט געמוזט עפעס אים זאגען:

— פארוואס קוקסטו אזוי, סאני? פון וואס טראכסטו איצט?

— איך טראכט וועגען דיר... ווי וועסטו אויסזעהן מיט א פאר יאר שפעטער — האט ער פלוצלינג א זאג געטאן. — דו וועסט חתונה האבען, וועסט זיך סעטלען, וועסט ווערען א באלעבאטישע פרוי, אזוי ווי אלע...

ער האט גערעדט מיט אזא טאן, ווי ער וואלט איר באדויערט.

— א, ניין. רייד ניט אזוי! — האט זי זיך א כאפ געטאן. — דו טארסט דאס ניט זאגען...

ער האט אין איר אנגערירט א פונקט פארוואס זי האט אלעמאל מורא געהאט. זיין ווי אלע — אזוינס האט זי זיך קיינמאל ניט געוואונשען.

זיי זיינען א ווייל‌ע געזעסען, געהויכערט און געשוויגען שטיל. סאני האט זיך אפגערופען:

— וואס וואלט געווען, עלינאר, ווען איך זאג דיר, אז איך בין אין דיר פארליבט?

— איך וואלט ניט געווען איבערראשט — האט זי געענטפערט אין א לייכטען, שפילעוודיגען טאן, ווי צו ווייזען אים, אז זי האלט ניט פאר ערנסט זיינע רייד.

— איך וואונדער זיך נאר, וואס דו ביזט ביז איצט ניט געווען אין קיינעם פארליבט.

— אז איך גלויב גארניט אין ליבע — האט עלינאר אלץ גערעדט אין זעלביגען שפאסיגען טאן.

— און איך גלויב יע. וואס פאר א לעבען וואלט עס געווען אהן דעם?

— איך האב שוין איינעם ליב געהאט, סאני. — האט זי זיך אפגערופען מער ערנסט.

— דאס מאכט נאך מער אינטערעסאנט פאר מיר דיר נעהנטער צו דערקענען.

— נאך איצט אויך האב איך אים ליב! — האט אים עלינאר געזאגט.

— דו וועסט גיך פארגעסען אן אים. איך וועל מאכען, אז דו זאלסט זיך אן אים פארגעסען.

עלינאר'ן האט פארדראסען זיין טאן, זיין זיכערקייט מיט זיך. ער רעדט ווי ער וואלט געוואוינט געווען, אז מיידלער זאלען זיך אים גרינג אונטערגעבען. זי האט עס ניט ליב געהאט. זי האט געוואלט דאס אים זאגען, נאר אין דער מינוט האט ער זיך אנגעבויגען צו איר און פאר דער האנט איר צוגעצויגען צו זיך:

— מען דארף ניט, סאני... — האט זי זיך אנטקעגען אים געווערט. נאר ער האט איר שוין געהאלטען ארומגענומען און איר געקושט. זי האט זיך פארלארען אין זיינע ארעמס און געקושט אים צוריק. זי איז אזוי אויסגעבענקט געווען נאך צערטליכקייט.

אבער דאס האט נאר געדויערט א קורצע ווייל‌ע. די באריהרונג פון אן אנדער מאן, נאך לארי'ן, האט איר אויסגעניכטערט. די דערמאנונג איצט וועגען אים איז געווען ווייטאגדיג. זי האט מיט אמאל זיך א ריס געטאן פון אים, אים אפגעשטופט פון זיך. א פארדריסליכע האט זי אים געזאגט:

— און איך האב געמיינט, אז איך קען דיך שוין אביסעל...

— אי עם סארי, עס פארדריסט מיר.

— האט סאני זיך אפגערופען. זיין קול האט געקלונגען לאשצענדיג, אינטים. זי האט ניט געקענט זיין אין כעס אויף אים, געפרואווט אנהאלטען די פריערדיגע, גוטע פריינטשאפט זייערע.

— מיר וועלען פארען צוריק אהיים. — האט זי אים געזאגט — איך קען ניט קומען שפעט.

— יע, איך ווייס — האט ער באלד נאכגעגעבען.

מיט די הענט אויפ'ן רעדעל פון קאר האט ער געלאזען גיין דעם מאטאר, און זיי זיינען שוין געווען אויפ'ן וועג אהיים.

זיי זיינען ביידע געווען איינגעהאלטען, צוגעשטעלט. קיין שום אויסערגעוויינליכעס האט צווישען זיי ניט פאסירט. זיי האבען שטיל זיך געזאגט „גוד־נאיט", און עלינאר איז ארויפגעלאפען די טרעפ צו זיך אהיים. נאך לאנג נאכדעם איז זי געלעגען וואך אין בעט א באראישטע פון דעם געשעהענעם. זי האט איינגאנצען געגליהט און ניט געוואלט זיך אליין מודה זיין, אז דאס איז פון פרייד און פארגעניגען, וואס זי לעבט דורך איצט, אין דער מינוט.

## קאפיטעל זיבען און דרייסיג

נאך ניט טראכטען מער פון קיין וואך — פאר עלינאר'ן האבען זיך איצט אנגעהויבען טעג פון אלערליי פארגעניגענס. סאני איז יעדעס מאל געקומען צו איר מיט א נייעם פלאן וואו זיי זאלען גיין פארברענגען. זיי זיינען געגאנגען צו די בעסטע פארשטעלונגען און קאנצערטען. איין טאג האט ער איר גערופען גיין מיט אים אין א מוזעאום פון „מאדערן ארט" און דארט האבען זיי צוזאמען באוואונדערט די שאפונגען פון די גרויסע מייסטערס. זיי האבען ארומגעוואנדערט פון איין צימער אין אנדערען, זיך אפגעשטעלט ביידע פאר א בילד, וואס האט זיי באזונדערס פארכאפט. און סאני האט מבינ'יש געקענט רייד פון קונסט, פון מאלעריי.

א גרויס פארגעניגען איז פון עלינאר'ן געווען די „קאר־ראידס" אינאיינעם מיט אים. זיי זיינען ארומגעלאפען איבער די ווייטסטע געגענטען ארום ניו יארק, וואו זי איז נאך ביז איצט קיינמאל ניט געווען. אין לאנג איילענד... ארום האדסאן ריווער... זי האט זיך געפיהלט ווי א פראווינצער, וואס האט קיינמאל ניט אנגעזעהן די וואונדער פון דער גרויסער שטאט. וואס האט זי געוואוסט פון ניו יארק ביז איצט? עס זיינען געווען אזוי פיל ערטער וואו צו גיין און וואס צו זעהן. איצט ווייסט זי, אז זי לעבט.

אז בעלא, די מאמע אירע, האט געוואלט מערער וויסען איצט פון איר טאכטער'ס אוואנטורעס, האט עלינאר אויסגעמידען צו געבען דער מאמען א באשטימטען ענטפער:

— וואו ביזטו געווען, עלינאר, אזוי שפעט נעכטען ביינאכט?

— א, סאמפלעים (ערגעץ אין א פלאץ) — האט זי נאר א זאג געטאן.

זי האט זיך אפגעהאלטען צו דערציילען איר מאמען וועגען סאני'ן. פארוואס, האט זי אליין ניט געוואוסט. אפילו מיט איר פריינדין, מארטא'ן, האט זי וועגען אים ניט גערעדט. מארטא האט ניט געהאט קיין צו גוטע מיינונג וועגען סאני'ן, איבערהויפט וואס אנבאלאנגט זיין פארהאלטען זיך צו פרויען. זי האט אפילו עלינאר'ן דערציילט ווי איין מיידעל האט צוליב סאני'ן שוין געוואלט זיך נעמען דאס לעבען. נאר עלינאר האט ניט געהאט קיין צופיל צייט זיך ארייננצוטראכטען טיפער אין דעם וואס מענשען ריידען. עס איז איר איצט צו גוט געווען. און יעדע שעה, יעדע מינוט איז ביי יאר יעדע שעה, יעדע מינוט איז ביי איר

אין די „וויק־ענדס", ווען זי איז געווען פריי פון סקול, האט שוין סאני אויף איר געווארט אז זיי זאלען ערגעץ גיין. גאנץ אפט האט מען זיי געקענט זעהן אין טעאטער צו א פיעסע, וואס אלע האבען געגלויבט. זיי זיינען געווען פון די „פוירסט־נאיטערס", די וואס גייען זעהן די ערשטע פארשטעלונגען. ווי שווער עס איז ניט געווען צו קריגען בילעטען האט עס סאני געקראגען, קויפענדיג עס ביי א „בראקער", וואו מען דארף באצאלען הויכע פרייזען. אין טעאטער האבען זיי זיך געפונען צווישען א באלעבטע, רוישענדיגען עולם. אומעטום פרייד און געלעכטער און בלענדענדיגע ליכט, וואס האט געווירקט אויף עלינאר'ן בארוישענדיג.

זינט זי האט זיך באקענט מיט סאני'ן האבען זיך פאר איר געעפענט נייע וועלטען. איר דוכט זיך, אז זי פיהלט איצט טיפער. זי האט אנגעהויבען פארשטיין אנדערש זאכען, און מיט אפענע חושים איז זי גרייט אויפצונעמען אלע שיינקייטען וואס זיינען אין לעבען פאראן. זיי האבען שוין צוזאמען געזעהן די רוסישע באלעטטענצער און אינדישע טענצער. און איינמאל זיינען זיי געגאנגען זעהן א „שאו־סורי", אזא וואדעוויל פון העברען סארט, וואו מען האט אויסגעלאכט אלדאס מיאוס'ע און שלעכטע אין לעבען. און עלינאר איז אין הארצען געווען דאנקבאר סאני'ן פאר דעם אלץ.

איינמאל, אז זיי זיינען געזעסען ביי א פארשטעלונג אין טעאטער האט עלינאר געפיהלט זיך באזונדערס געהויבען און סאני האט זיך אנגעבויגען צו איר און ער האט שטיל א זאג געטאן:

— יו דו לאוו מי עי ליטעל (דו האסט מיר ליב אביסעל), ניט אזוי, עלינאר?

— ניין, איך ווייס ניט... — האט עלינאר זיך אפגערופען א ביסעל צעמישט, נאר אין דעם אויסדרוק פון אירע טונקעלע, פינקלדיגע אויגען האט ער געקענט ארויסלייענען א סך. אז ער האט איר געקושט, האט זי אנטקעגען אים זיך ניט געווערט, און ער איז ניט צופיל צוגעשטאנען, ניט געווען צודרינגליך. קיין איינער פון די בחורים וואס זי האט ביז איצט געקענט, האבען אזוי ניט פארהאלטען זיך צו איר. ער האט אזוי ווי געווארט ביז זי אליין וועט אפען ארויסווייזען אז זי האט אים ליב. אין דער זעלבער צייט האט עלינאר אין אים געפיהלט א פערזאן, וואס מוז אויספירען ווען אים פארווילט זיך עפעס. דאס האט אי באאומרוהיגט איר און אי איר גערייצט.

(ווייטערעס — מארגען)

# די יונגע מאמע פון 16 יאהר

(שלוס פון פעירדוש 2)

איז שוין אויסגעמאטערט פון שוואנגערען און קינדער האבען. אלע יאר, אלע צוויי יאר א בעיבי. א דאזען קינדער, און נאך אזוי יונג..."

זי האט גערעדט מיט הארץ און מיט וועהטאג. טרערען זיינען געשטאנען אין אירע אויגען. איך האב באמת געהאט מיטלייד מיט איר. יונגע, שעהנע פרויען און זיי ווערען דא געטראטען מיט די פיס ווי שטויב. אונטער אנדערע באדינגונגען און אין אנדערע פלעצער, האב איך געטראכט, וואלט אזא פרוי ווי מיסעס העמאנד זיך געבאדען אין גאלד און אין זילבער. מ'וואלט איר אויף די הענט געטראגען און דאס טעלערעל פון הימעל וואלט ניט געווען גענוג גענוג פאר איר — און דא ווערט מען געפלאגט און פאריאגט מיט א הויז פול מיט קינדערלעך, מען קריגט אלע מאנטאג און דאנערשטאג אונטערגעהאקטע אויגען און פאר א נאווינע האט מען אלע יאר אדער צוויי א נייע בעיבי. גליקליכע מענשען דא!

איך באמי זיך זי צו בארוהיגען און אביסעל טרייסטען. איך גיב איר צו ערקלערען, אז די לאגע איז בלומרשט ניט אזוי געפערליך ווי מ'וויל זי מאלען. קינדערלעך זיינען אמאל גאר א ברכה. די עלטערע קינדער וואקסען צוביסלעך אונטער און העלפען אביסעל ארוים אין הויז; דער יאך ווערט אזוי־ארום לייכטער און לייכטער.

איבריגענס, זאג איך איר, איז דאך דאס שוין א פארפאלענע זאך; מ'קען דאך שוין איצט גאר ניט טאן. מ'וועט מוזען איבערקומען דאס איצטיגע מאל. אויף שפעטער וועט מען זעהן וואס מ'האט צו טאן.

איך פיהל, אז מיינע רייד זיינען פאר איר א שוואכע טרייסט. זי וועט דארפען דורכמאכען די שוואנגערשאפט און נאכהער די קימפעט, און עס וועט זיך ווידער אנהויבען די אלטע געשיכטע פון זויגען, ניאנטשען, שלאפלאזע נעכט א. אז. וו.

איך עצה איר, פאר איר טובה וועגען, צו זיין רוהיג ווי ווייט מעגליך און ארייננקומען אין אפיס פאר א „טשעק־אפ" אין א מאנאט אדער צוויי.

---

מיסעס העמאנד איז מער ניט געקומען אין מיין אפיס, און איך האב איר ניט געזעהן פאר עטליכע חדשים. איך האב אפגענומען גרוסען וועגען איר צושטאנד פון שכנות, וועלכע וואוינען אין יענעם געגענט, אז זי איז „אלראיט" און איר בויך ווערט גרעסער פון וואך צו וואך.

ביי די מאינערס זיינען די פרויען ניט איבעריג צובאלעוועט. נאכדעם ווי זיי קומען־איבער דעם ערשטען „שאק" פון שוואנגערשאפט, ווערט דאס ביי זיי א געווענליכע זאך און מען באדערט זיך מער ניט מיט דאקטוירים, ניט מיט עקזאמינעישאנס. זיי זיינען אזוי פאריאגט מיט זייער הויזגעזינט, אז עס בלייבט זיי ניט קיין צייט פאר אזעלכע נארישקייטען ווי צו געהן צום דאקטאר פאר אן עקזאמינעישאן און א ראט ביז דער לעצטער מינוט. און די לעצטע מינוט איז ביים סוף פון נײַנטען חודש, ווען ס'כאפט־אן „וועהען" און „מ'געהט צום קינד". דאן רופט מען א דאקטאר. אזוי איז אויך געווען מיט מיסעס דזשארדזש העמאנד.

איינמאל, ארום 10 אזייגער אין אווענט, האב איך געקראגען א טעלעפאן־קאל צו געהן אהין, ווייל זי האט געהאט עטליכע „שמערצען" און מ'דענקט, אז איך דארף קומען.

די הויז איז געווען צוגערוימט און גאנץ ריין. עס זיינען דא געווען א פאר שכנות, וועלכע זיינען אריינגעקומען ארויסצוהעלפען דער קימפעטארין, הגם עס האט זיך נאך ניט געפאדערט קיין הילף. עס האט אויסגעזעהן פון ערשטען בליק, אז עס וועט נאך נעמען עטליכע שעה ביז ס'וועט עפעס פאסירען.

מרס. דזשארדזש העמאנד, די העלדין פון דער געשיכטע, איז געווען פון קאפ ביז די פיס געשוואלען ווי א בארג מיט א שרעקליך גרויסען אויסגעסטארטשעטען בויך. זי האט פאמעליך ארומגעשפרייזט איבער'ן חדר און זיך צוגעהערט צו די ווייבער, וועלכע האבען געשפאסט און זיך געוויצעלט אויף איר חשבון.

די קימפעטארין האט זיך איצט געהאלטען גאנץ אנדערש ווי לעצטען מאל אין מיין אפיס, ווען זי איז געווארען היסטעריש און געסטראשעט זיך צו נעמען דעם לעבען, ווען זי האט געהערט אז זי איז שוואנגערט. הפנים, אז מ'ווערט צוגעוואוינט צו די צרות און מ'ווערט צו זיי גלייכגילטיג.

זי וויל נאר, האט זי געזאגט, איבערקומען דעם קימפעט, איר לעצטען קימפעט. מיט דער איצטיגער בעיבי וועט זי האבען א גלייכען טוץ קינדער; 12 קינדער איז גענוג — „נא מאר!" — האט זי אלעמען פארזיכערט. מער ווי א „דאזען" וועט זי ניט האבען.

איך בין געזעסען און געשמועסט מיט זיי א שטיקעל צייט — און דאן האב איך איר צוגעגרייט פאר אן אונטערזוכונג. פון דער עקזאמינעישאן האב איך אויסגעפונען, אז דאס איז ניט קיין געוועהנליכע שוואנגערשאפט, כאטש אלעס האט געשיינט צו זיין נארמאל. איך האב באשלאסען דערווייל גארניט צו זאגען קיינעם, ניט דער קימפעטארין, ניט די אנדערע פרויען. איך האב געפיהלט, אז עס איז ניט ראטזאם זיי צו אלארמירען, כל־זמן אלעס איז נארמאל און עס געהט־צו ווי עס דארף צו זיין. איך האב נאר געווארט פאר א פאסענדער געלעגענהייט.

שפעטער, ווען איך בין געווען אין קיך, וואשענדיג מיינע הענט, האט איינע פון די ווייבער, מיין ארויסהעלפעריו, מיך געפרעגט, ווען דענק איך וועט די בעיבי געבוירען ווערען.

איך האב איר געענטפערט, אז עס וועט פיליייכט נעמען ניט זעהר לאנג און צוגעגעבען, אז ס'פאסירט אמאל, אז א פרוי האט מער ווי איין בעיבי און ס'נעמט אביסעל לענגער. „איר מיינט, א ס'איז דא א צווילינג?" — האט זי מיך געפרעגט אביסעל ערשטוינט. „מעגליך", האב איך געענטפערט קורץ. „מיר'ן לעבען וועלען מיר זעהן. דערווייל לאמיר דאס ניט צופויקען".

ארום איינס אזייגער נאך האלבער נאכט זיינען דער קימפעטארינ'ס שמערצען געווארען שטארקער און אפטער. איך האב איר געמאכט אן איינשפריצונג פון „דעמעראל" און בין געווארען „ביזי" מיט איר. אין עטליכע מינוטען ארום איז זי האלב־איינגעשלאפען, האלב־געדרימעלט. אין אזא צושטאנד איז זי איבערגעקומען איר „קימפעט". ארום 3 א זייגער אין דער פרי בין איך פארטיג געווארען מיט מיין ארבייט.

מיסעס דזשארדזש העמאנד האט געבוירען א ד ר י י ל י נ ג — דריי געזונטע, נארמאלע בעיבים — צוויי אינגעלעך און א מיידעלע.

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראזע שושנה

(פארטז.־צונג)

## יוגענט און ליבע

דזשעיקאב איז געווארען א גאר אנדערער מענש. ער האט זיך זעהר א סך אפגעגעבען מיט עטעלע'ן, איר מאמע'ן און סעמ'ען. סעם, זיין איידים, איז איצט געקומען יעדען טאג אין אפיס און פארנומען א פאזיציע. חנה גרינפעלד האט ער נאך דער הארץ־אטאקע וואס זי האט דעמאלט געקראגען אין מושב זקנים, ארייגעגעבען אין אן ערשט־קלאסיגען האספיטאל, געבראכט צו איר די גרעסטע דאקטוירים. ער האט נישט געזשאלעוועט קיין געלט, אבי עס זאל זיי זיין באקוועם. ער איז געווען אן אפטער אייגגייער, געזארגט פאר יעדער קלייניגקייט.

אין דער היים איז ער געוואוינט געווען, אז מען זאל מיט אים קאמאנדעווען, מען זאל אים באפעלען. פלעגט ער טאקע אפט אנטלויפען פון דער היים. דא, אבער, האט ער זיך געפיהלט גוט. דא, ביי זיי, האט ער געהאט א ווארימע, ליבע אטמאספער. ער איז געווען דער „באס". ער האט געהאט זיינע וואונשען און פארלאנגען, וועלכע זיינען גלייך אויסגעפירט געווארען. דערפאר האט ער שטארק ליב געקראגען זייער היים און פלעגט דא פארברענגען זיין יעדע פרייע מינוט. ווען ער פלעגט קוקען אויף עטעלע'ס באוועגונגען, ווען ער פלעגט הערען איר שטימע, האבען אים זיינע געדאנקען גלייך אוועקגעטראגען קיין קראסנאסטאוו. ער האט גלייך געזעהן זיין יוגענט, זיין שטילע ליבע צו עטעלע'ס מאמען, בלומטשע'ן, און באלד האבען פאר אים אויפגעבליצט פארשידענע בילדער פון דער פארגאנגענהייט, וועלכע שטעלען זיך אוועק פאר די אויגען ווי א פאנאראמע.

עטעלע איז א גוטע באלעבאסטע, מיט א סך געשמאק. ער קוקט אויף איר לילא־בלוזקעלע און דערמאנט זיך גלייך, אז אויך איר מאמע, בלומטשע, האט ליב געהאט דעם לילא קאליר.

ער דערמאנט זיך ווי זיי זיינען אלע אמאל געפארען אויף א „מאיאוקע". זעהר אפט פלעגען זיי מאכען אזעלכע אויספלוגען, וואס זיי פלעגען עס אנרופען א „מאיאוקע". ער זעהט פאר זיינע אויגען אלץ אזוי דייטליך: דעם פויערישען וואגען, וועלכער שטייט שוין גרייט. א טייל פון דער קאמפאני זיצט שוין אויף דעם פרישען שטרוי. יעדע מינוט קומט אן אן אנדערער, וועלכען די פרייליכע אבער אומגעדולדיגע גרופע באגעגנט מיט א הורא און מיט אן אויסגעשריי: „ענדליך!"

בלומטשע טראגט א נייע לילא־בלוזע, מיט א ווייסען קארטשיק און שיינט ארוים צווישען אלעמען. יעדער איינער וויל דא אויסזעהן ווי א דערוואקסענער. די בחורים קושען די מיידער די הענט. מען העלפט די מיידלעך ארויפקריכען אויפ'ן וואגען. בלומטשע שטעקט אריין דעם פוס אין א ראד פון וואגען און ציטערט, אז דער וואגען זאל נישט אנהייבען פארען מיט איר פוס אינוויינינג אין ראד. ער העלפט איר אונטער. דעמאלט האט ער געהייסען יענקעלע און נישט דזשעיקאב.

— האפ! — און אט איז זי שוין אינוויינינג אין וואגען.

— וואו איז יוסף? נאך נישטא לעאנעק? — הערען זיך אויסרופען.

די אנדערע האבען שוין אין זיי פארגעסען, אבער בלומטשע געדענקט אין יוסף'ן און רייזעלע געדענקט אין לעאנעק'ן. זיי ווערען אפילו רויט און פארשעמט, אבער זיי האבען דאך פארט מורא, אז מען וועט פארען אהן זיי. ביי בייליקע'ן קלאפט אזוי דאס הארץ, אז זי האט מורא, אז די נעבענזיצענדיגע הערען דאס שטארקע קלאפען. אט קומט אן פון ראג גאס לעאנעק. רייזעלע לאזט אראפ דעם קאפ, מען זאל נישט זעהן איר פנים, וואס ווערט באגאסען מיט פרייד.

— לעאנעק! לעאנעק! גיכער!... גיכער! — שרייט מען אים צו פון אלע זייטען.

אט לויפט אן רעגינטשע. מען קושט זיך ווי מען וואלט זיך שוין א יאר נישט געזעהן, כאטש נעכטען ביינאכט האט מען זיך ערשט געזעגענט.

— גיכער! גיכער! — הערט מען פון אלע זייטען — די „מאיאוקע" רירט זיך פון ארט!

— וויא! — שרייט אוים די גאנצע קאמפאניע.

פארבייגייער שטעלען זיך אפ און זיינען מקנא דאס יונגווארג... ווי גערן וואלטען זיי זיך מיטגעכאפט מיט דער יונגווארג אויף דער „מאיאוקע".

— ווויילט זיך גוט! — שרייט מען זיי צו, און אלע אין דעם געדריכטען, אנגעלאדענעם וואגען ענטפערען אין כאר:

— א דאנק!

דאס געלעכטער הערט זיך נאך פון ווייטען: אין אנהויב פארען די פערד לאנגזאם, אבער ווען זיי האבען זיך שוין צעלאזט, לויפען זיי גיך, גיך ווי די וויכערס. זיי פרייען זיך, וואס זיי שלעפען די יוגענט. די פערד פרייען זיך צוזאמען מיט דער יונגער קאמפאניע און הירזשען הויך.

און דאס געלעכטער הילכט אפ צוזאמען מיט אויסגעשרייען, ווייל מיט'ן לויפען פון די פערד שאקעלט זיך שטארק דער וואגען און די שטייענדיגע בחורים פאלען אויף די קני פון די זיצענדיגע מיידלעך. לאכט מען נאך העכער.

עס ווייזט זיך אוים, אז דער ליבטיגער בלויער הימעל לויפט איבער זייערע קעפ. דאס ווינטעל צעווארפט זייערע האר און גלעט אזוי אנגענעם דעם האלז, דעם נאקען.

— וואונדערבאר! וואונדערבאר!!

— שרייט אוים בלומטשע און קוקט גלייך דעם ווינד אין פנים אריין. זאל ער צעווארפען אירע לאקען. זאל ער.

— עס איז וואונדערבאר! — שרייען אלע נאך איר — וואונדערבאר! וואונדערבאר!

רייזעלע קוקט אויף לעאנעק'ן און שעפטשעט שטיל:

— דאס לעבען איז שעהן...

לעאנעק ענטפערט איר שטיל אין אויער אריין:

— לעבען דיר איז דאס לעבען הערליך!

רייזעלע ענטפערט אים אפ מיט אירע בליקען. זי פיהלט אזוי גוט, אזוי ווארים ביים הארץ. זי פיהלט ווי אירע ליפעלער ציען זיך צוזאמען און די אויגען ווערען עפעס אזוי פייכט. זי האלט איין טרערען, טרערען פון גוטסקייט. זי שעמט זיך אז מען וועט נאך דערזעהן.

ער, יענקעלע, האט די גאנצע צייט געקוקט צו בלומטשע'ן. זי קאן נישט אויסמיידען זיין בליק, הויבט זי אן זינגען, און אלע מיט איר צוזאמען. ער זעהט אבער, אז זי קוקט מיט פארחלום'טע אויגען צו יוסף'ן... ער איז דאך געקומען אויף א רעפעראט...

עס לויפען וועלדער, גרינע פעלדער, גרויסע טאפאלען שטייען אויסגעשטעלט ביי טייכלעך ווי סאלדאטען. בעראזעס און סאסנעס און אלטע דעמבעס נעמען אויף דאס געזאנג פון דער יוגענט, און שאקלען זיך צום טאקט.

און יוגענט זינגט פון פרייד. אלץ זינגט. מען זינגט פאלקס־לידער, ארבייטער לידער, ליבעס לידער, מארשען, טעאטער לידער און סענטימענטאלע לידער.

און בלומטשע שרייט אוים:

— וואס זינגט איר עפעס טרויעריגע לידער? הע, חברה, עפעס פרייליכעס!!

(ווייטערעס — מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

אין די שפּעטע שעה'ן ווען די טעאַטערע זיינען שוין געווען געשלאָסען, האט מען אַמאָל זיי ביידען געקענט זעהן אין אַ רעסטאָראַן אין דעם געגענט פון „גרעניטש ווילעדזש". דאָרט, וואו דער פּלאַץ איז אָפען אַ גאַנצע נאַכט, און וואו אַלערליי אַרטיסטען אונטערהאַלטען די געסט מיט מוזיק און טענץ און געזאַנג. עלינאָר האט דאָ געקענט באַגעגענען מיידלעך און יונגע פרויען אַנגעטאָן שיין, מיט אַ סך קאָליר. געבלומטע פלאַטערענדיגע שאַלען, שנירלעך קרעלען אויפ'ן האַלז, לאַנגע אויערינגלעך און אַ טורבאַן אַנשטאַט אַ הוט. און עלינאָר מיט איר נייגונג צו אַנטאָן זיך אַהיגינעל, ניט ווי אַלע, האט זיך דאָ געפיהלט אויפ'ן ריכטיגען אָרט.

זי און סאַני זיינען געזעסען ביי אַ טישעל צווישען אַלע געסט, און אין דער אַטמאָספערע פון זאָרגלאָזיגקייט און לוסטיגקייט האט זי זיך געפיהלט גוט. סאַני האט געריכערט אַ ליולקע מיט אַן אויסזעהן אַ ביסעל אַ הפקר'דיגען. ער האט געקוקט אויף איר מיט זיין כשופ'דיגען שמייכעל. אַ פּאָר מאָל דורכ'ן אָוונט זיינען צו זייער טישעל צוגעגאַנגען עטליכע פון סאַני'ס באַקאַנטע, אויך יונגע בחורים, און אַ ווייַלע דאָ זיך פאַרהאַלטען. זיי האבען מבינ'יש אַנגעקוקט עלינאָר'ן, און זי האט געפיהלט אַז זי איז זיי געפעלען.

איינמאָל אין אַזאַ נאַכט איז צו זייער טישעל אין רעסטאָראַן צוגעגאַנגען אַ יונג מיידעל. עס האט אויסגעזעהן אַז זי איז אַ גוטע באַקאַנטע סאַני'ס.

— העלאָ, סאַני! — האט זי צו אים געזאָגט.

— העלאָ, ערנאַ! — האט ער איר געענטפערט.

עלינאָר האט ניט פאַרפעלט צו באַמערקען ווי דער אויסדרוק אויף סאַני'ס פּנים האט זיך געביטען. אַזוי ...

מען צו זייער טישעל, האט זי אויסגעזעהן זעהר באַלעבט, מיט אַ לוסטיגען אויסזעהן און אַ צושמייכעלטען פּנים. נאָר איצט, נאָך סאַני'ס קאַלטער אויפנאַמע איז זי אַ ווייַלע געבליבען שטיין אַפּהענטיג. זי איז עפּעס ווי איינגאַנצען אויסגעלאָשען געוואָרען און איר פייערליכקייט איז ניט געוואָרען.

— דו ביסט דאָ אַליין? — האט סאַני ביי איר אַ פרעג געטאָן, אַרויסנעמענדיג די ליולקע פון מויל. ערנאַ האט מיט אַ געמאַכטער לוסטיגקייט באַלד אים אָפּגעענטפערט.

— ניין, ניט אַליין. דאָרט זיצט דער גאַנצער „באַנטש" פון מיינע באַקאַנטע! — האט זי מיט דער האַנט אַנגעוויזען צו אַ ווייטען טישעל. — זיי קענען דאָרט וואַרטען אויף מיר. עס מאַכט ניט אויס — האט זי אַ לאַך געטאָן, און איר קול איז געווען אַ ביסעל הייזעריג.

סאַני האט איר ניט געבעטען זיך זעצען ביים טישעל. ער האט איר ניט באַקענט מיט עלינאָר'ן. עס איז עלינאָר'ן אַליין ניט געווען באַקוועם צוליב סאַני'ס ניט־איידעלער האַנדלונג געגען אַט דער מיידעל. ערנאַ איז נאָך אַ ווייַלע געשטאַנען. דערנאָך האט זי מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ זיך דערווייטערט פון זייער טישעל, כמעט ווי אַהן אַ גודבאַי. עלינאָר האט באַלד זיך אָפּגערופען צו סאַני'ן:

— דו האָסט איר באַליידיגט. מיר וואונדערט זיך שטאַרק אויף דיר, דו זאָלסט דאָס טאָן.

— באַליידיגט? — האט סאַני כלומר'שט זיך געוואונדערט — מיט וואָס?

— מיט דיין ניט זעהר שיינעם האַלטען זיך אַנטקעגען איר.

— אַ, שי וויל נעט אוועך איט (זי וועט דאָס איבערקומען), — האט סאַני אַרויסגערעדט מיט אַ גרינגען טאָן.

„מסתמא אַ געוועזענע געליבטע זיינע," האט עלינאָר אין דער מינוט געגעבען אַ טראַכט. עס האט איר פאַרדראָסען אויף סאַני'ן פאַר זיין ניט איידעלער האַנדלונג צו דעם מין פרוי. עס האט איר געאַרט פאַר איר מין. נאָר אין דער זעלבער צייט האט זי געפיהלט זיך גוט פון דעם, וואָס זי איז די זיגערין איצט, און ניט יענע...

בעלאַ האט אויך איר אייגענעם אופן געפּראַוועט אַרויסוויזען געטריישאַפט צו איר טאָכטער. זי איז מיט אַן אמת געווען באַאומרואיגט. זינט עס איז ביי עלינאָר'ן געוואָרען אויס מיט לאַרי'ן האט זי געפיהלט, אַז זי מוז איצט מער זיין אויף דער וואַך, ניט אָפּלאָזען איר טאָכטער פון אויג. איר האט זיך געדאַכט, אַז ווען עלינאָר וואָלט זיך לאָזען לערנען, וואָלט צו דער צרה ניט געקומען. האט זי איצט גאָר מיט אַן אַנדער וועג געוואָלט ווירקען אויף איר טאָכטער. זי וועט זיין אַ חבר'טע צו איר. אַ פּאָר מאָל האט זי שוין עלינאָר'ן פאַרגעלייגט זיי זאָלען צוזאַמען גיין זעהן אַ מאָווי. זי האט איר געוואָלט באַקענען מיט עטליכע פרויען, אירע קאַסטימער, וואָס קויפען ביי איר דרעסעס. זיי האבען זיהן, פיינע בחורים, און אפשר וועט פאַר עלינאָר'ן עפּעס פון דעם אַרויסקומען. בעלאַ האט אויך אַלץ אָפטער גערעדט וועגען דער זומערדיגער וואַקאַציע, וואָס זי פּלאַנט פאַר זיי ביידען, ערגעץ אין אַ פיינעם האָטעל אין די בערג.

עס האט זיך אָנגעהויבען די אַלטע געשיכטע. עלינאָר האט מורא געהאַט פאַר איר מאַמע'ס צו גרויסער געטריישאַפט, וואָס קען זיך ענדיגען מיט דעם, אַז בעלאַ זאָל וועלען אַרייפּצווינגען אויף איר זאַכען, צו נעמען איר דאָמינירען. און אַנטקעגען דעם האט דאָך עלינאָר אַלע אירע יאָרען געקעמפט. האט זי איינמאָל אין גוטען מוט אַ זאָג געטאָן צו איר מאַמען:

— דו דאַרפסט זיך ניט אַזוי זאָרגען פאַר מיר, מאַ.

— ווער דען, דיין טאַטע וועט זיך פאַר דיר זאָרגען? — איז שוין בעלאַ אַריין אין אַ כעס, זעענדיג ווי עלינאָר גרעניצט זיך כסדר אָפּ פון איר. אין אַזעלכע מינוטען האט זי מיט ווייטאָג געטראַכט פון סעמ'ען, איר מאַן. ווען ער וואָלט געווען אין דער היים...

„יע, אים איז גוט. אַוועק און לאָזט פון זיך ניט הערען. אָפּגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך און וויל פון גאָרניט וויסען!" האט בעלאַ געטראַכט.

עלינאָר האט איר מאַמען קיינמאָל ניט דערציילט ווען זי גייט זעהן דעם טאַטען. און דאָס איז ביי איר געווען אַן אַנגעווייטאָגטער פּונקט.

זינט עלינאָר האט זיך באַקענט מיט סאַני'ן, האט בעלאַ זיך שוין מיט גאָרניט ניט גערעכענט. זי מוז זיך מער דערוויסען פון עלינאָר'ס אַוואַנטורעס. אַ מיידעל אין די יאָרען... עס איז ניט קיין קלייניגקייט. ווען עלינאָר איז אין דער היים ניט געווען, איז זי אַריין אין איר צימער. זי האט געניישטערט אין איר דעסק צווישען די פּאַפּירען. זי האט אויפגעעפענט בריף, געזוכט צעטעלעך, עפּעס אַן אַנדרייט פון וואָס זי זאָל עפּעס מער קענען דערגיין וואָס עס טוט זיך אָפּ. עלינאָר האט, ווי אַלע מאָל, געקעמפט געגען איר מאַמע'ס האַנדלונגען.

(ווייטערעס מאָרגען)

# ערהאַלטען זיך נאָך אַן אָפּעראַציע איז גוט צווישען מענשען וועלכע זיינען אויך אָפּערירט געוואָרען

(שלום פון פּעידוש 2)

סען אויף וואָס ער האט מיך אָפּערירט.

ער האט מיך אָפּגערעקט, באַטאַפּט מיט די פינגער מיין שראַם, אַזוי ווי אַ קינסטלער, אַ מאַלער, באַטראַכט דאָס בילד וואָס ער האט פאַרענדיגט. די נוירס האט אים געהאָלפען באַטראַכטען און כ'האָב מיך געפיהלט ווי עפּעס אַ שטיק מעבעל אָדער אַ שטיק וואַרע וואָס מבינים דאַרפען אָפּשאַצען. אַ יונגע מיידעל, די נוירס, און זאָל זי אפילו אַ פּינטעל טאָן מיט אַן אויג...

„גוט, האַ?" — האט דער דאָקטאָר צופרידען געזאָגט.

„קאָן איך קריגען מיין דיסטשאַרדזש?" — האָב איך שנעל געפרעגט.

און דאָ האָב איך געגאַפּט פון ערשטוינונג און כ'האָב באַנומען וואָרום ער איז אַזוי געניאַליש אַלס כירורג.

כ'האָב געמיינט, אַז עס ליגט אים אפילו ניט אין דער לינקער פּיאה צי איך בין געווען ערגעץ אָפּגעפאַרען אָדער ניט. ס'גייען דאָך דורך בוכשטעבליך צענדליגער און צענדליגער חולאים אַ וואָך, אפשר הונדערטער, דורך זיינע הענט. ער האט, אָבער, ניט פאַרגעסען. וואָרים ער האט מיר געזאָגט:

„אַז איר וועט צוריקקומען פון אייער אַפּרו וועט איר ווידער קומען און איך וועל אייך עקזאַמינירען און געבען דעם דיסטשאַרדזש. גוט — איר ערהאַלט זיך נאָרמאַל."

כ'דערפיהל אַ דאַנקבאַרקייט צום גרויסען כירורג. אויבען־אויפיג זעט ער אויס אומגעדולדיג, פאַרנומען, אָבער אין דער אמת'ען נעמט ער אַ טיפען אינטערעס אין זיינע פּאַציענטען. ער דערמאָנט מיך, אים צו לאַנגע יאָר, אין מיין פאָטער.

דערצייל איך אים שנעל־שנעל — ווייל ער האַלט שוין ביים אַוועקגיין — אַז איך האָב אין מיינע בריף צו אייך, טייערער רעדאַקטאָר, אים פאַרגליכען צו פּאַדערעווסקי'ן, אַזוינע וואונדערליכע פינגער האט ער.

„פּאַדערעווסקי?!" — קוקט ער מיך אָן, „איך בין גרעסער פון פּאַדערעווסקי'ן. וואָס האט פּאַדערעווסקי געקענט, דרימפּלען אויף אַ פּיאַנאָ?"

זיינע אויגען שמייכלען צו מיר און איך פאַרשטיי וואָרום דאָקטוירים האַלטען פון אים און האבען אים אַזוי שטאַרק ליב. ער גייט שנעל אַהויס, און די נוירס זאָגט, אַז איך קאָן זיך אָנטאָן.

וועט איר דאָך פרעגען, טייערער רעדאַקטאָר, וואָס האט דאָס אַלץ צו טאָן מיט מיין פאַרען זיך אויסרוען? עס האט צו טאָן אויף אַזויפיל אויף וויפיל איך האָב איינגעזען, אַז אַ י"ם נאַרען קאָן מען ניט. ער האט מיר קיין „דיסטשאַרדזש" ניט געגעבען. אָבער דער אויבערשטער, זאָג איך אייך, שיקט פאָרט די רפואה פאַר דער מכה. אָט הערט:

מיין מאַמע, עליה השלום, האט זייער געהאַלטען פון אינגלעך און זי האט מיין פאָטער, עליו השלום, מכבד געווען מיט פיר בנים. אַלע פיר זיינען מיר איצט כמעט גלייכע, ווייל אַלע האבען מיר דורכגעמאַכט אָפּעראַציעס. איך זאָג „כמעט", ווייל מיין עלטסטער ברודער, לאַנג לעבען זאָל ער, איז שוין דורכגעגאַנגען צוויי אָפּעראַציעס און איך וועל ניט זיין איבעראַשט אויב ער וועט נעמען און לאָזען זיך שניידען אַ דריטען מאָל. ער איז בטבע אַ גוטער מענש און ווייזט אים נאָר דער דאָקטאָר אַ קרומע מינע, פאָלגט ער אים און גייט אין האָספּיטאַל.

ווען איך בין געקומען אַהיים פון דאָקטאָר האָב איך ביי דער טיר געטראָפען אָט דעם ברודער וואַרטען אויף מיר. איך האָב זיך דערפרייט מיט אים, אויפגעעפענט די טיר און מיין הינטעל האט אונז אויפגענומען בסבר פנים יפות — גרויסאַרטיג און אויף די העכסטע טענער. אַז ס'איז אַביסעל שטיל געוואָרען אין שטוב און מיר האָבען אַ ווייַלע אַרומגערעדט אונזערע אָפּעראַציעס, האָב איך מיין ברודער דערציילט פון די שווערינקייטען מיינע.

„נאַרעלע", האט ער מיך אַנגעכאַפּט פאַר די הענט, „וואָס ברעכסטו זיך דעם קאָפּ? קום צו אונז. מיר וועלען דיר אָפּגעבען אַ צימער און דו וועסט קאָנען גיין יעדען טאָג אויפ'ן באָרדוואָק. אַז דו וועסט וועלען, וועסטו שלאָפען; וועסטו וועלען לייענען, וועט דיר קיינער ניט טשעפּען."

מיין ברודער וואוינט האַרט ביים ים, אין ראָקאַוועי. מיט וואָס זשע איז ראָקאַוועי בעסער פון אַטלאַנטיק סיטי? ער האט מיר, אָבער, געגעבען אַן „אַרגומענט" וואָס האט מיך גלייך איבערגעצייגט:

„דו ווייסט וויפיל אידען ראָקאַוועי פאַרמאָגט? און ווייסטו אַז קיין קהילה אין אַמעריקע האט פּראָפּאָרציאָנעל ניט אַזוי פיל געשניטענע ווי ראָקאַוועי? מיר האבען אַן אייגענעם האָספּיטאַל, און ער שטענדיג פול מיט אידען, כן יהיו. ווער עס לאָזט זיך אַרויסנעמען אַ קישקעלע, ווער עס לאָזט זיך אָפּערירען אויף די נירענדלעך, ווער עס פאַרריכט זיך אַ ריפּעלע און ווער עס מאַכט זיך צורעכט אַ לעבערעל. מיר האבען אַ שוהל, און נאָכ'ן דאַווענען ריידען מיר זיך דורך וועגען אונזערע אָפּעראַציעס... קום, וועסט זיין איינער פון אונז."

געענדיגט האט ער מיט'ן ניגון פון בינאַ אַבראַמאָוויטש אין „דער דיבוק", ווען זי פאַרוויגט די קראַנקע לאה, און אַ רואיגקייט האט מיך איינגעוויקעלט, אַ זיסע ערוואַרטונג און —

טייערער רעדאַקטאָר, איך האָב אַ גאַנצע וואָך פאַרבראַכט אין ראָקאַוועי. דריי שוהלען פאַרמאָגט דאָס שטעטעל — אַן אָרטאָדאָקסישע, אַ קאָנסערוואַטיווע און אַ רעפאָרמירטע. אַלע דריי פאַרמאָגען זיי אַ סך מיטגלידער. אין דער אָרטאָדאָקסישער איז דאָ אַ מנין כמעט יעדען טאָג, און נאָכ'ן מנין רעדט מען...

קורץ, איך האָב אין דער איין גליקליכער, וואונדערליכער וואָך זיך פּשוט געטונקט אין אָפּעראַציעס. כ'מיין אין מעשיות וועגען אָפּעראַציעס. אַזוינע אויסטערלישע, נאָך ניט־געוועזענע אָפּעראַציעס ווי די אידען פון ראָקאַוועי האבען דורכגעמאַכט האבען נאָך, דאַכט זיך, קיינע אידען אויף דער וועלט ניט דורכגעמאַכט.

ווייסט איר, טייערער רעדאַקטאָר, וואָס איך האָב באַשלאָסען? איך האָב באַשלאָסען, אַז איך וועל די רעשט פון מיינע יאָרען ווידמען דער זאַמלונג פון געשיכטעס וועגען אָפּעראַציעס. מענשען האבען שוין אָפּגעגעבען לעבענס אויף צוזאַמענשטעלען אַנטאָלאָגיעס פון פּאָעזיע, דראַמע, ראָמאַנען. מענשען האבען זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט פון זאַמלען מאַרקעס. מענשען האבען זיך אויסגעקליבען אַ באַרוף צו קלייבען די שאַכטלעך פון שוועבעלעך. איך קען אפילו אַ יונגען מאַן וואָס מאַכט זיך אַ קאַריערע מיט'ן אויפקלייבען קנעפּלעך פון אַלע צייטען און אַלע לענדער. וויפיל אינטערעסאַנטער און, טאַקע, וויכטיגער, איז עס איינצוזאַמלען די געשיכטעס פון אָפּעראַציעס?

אַ מענש האט, דאַכט זיך, רמ"ח אברים. און קיין איין אבר איז ניט אויסגעהיט פון אַ כירורג'ס אויג. גיטאָ נאָר, קאָן מען שווערען, אַז אַדערעל, אַ ביינדעל, אַ ווינקעלע אין אונזערע געהירען, אין אונזער האַרץ, אין אונזער מאַגען, ערגעץ־וואו אין אונזער קערפּער, וואָס זאָל ניט פאַרשאַפען אַ כירורג פאַרגעניגען. מיר, פּשוט'ע בשר ודמ'ס, זיינען דאָך ניט מער ווי די אינסטרומענטען אויף וועלכע די כירורגען, אַ געזונט אין זיי, קאָנען אויסשפּילען זייערע טיפּסטע באַגערען, זייערע צאַרטסטע בענקשאַפטען.

וועל איך מהיום והלאה, פון היינט אָן, זיך אָפּגעבען מיט זאַמלען אַט די לידער און סאָנעטען, די קאָנטשערטאָס און סימפאָניעס, וואָס די גרויסע כירורגען פון אונזער דור — און אויב מעגליך, פון פריערדיגע דורות — האָבען געשאַפען און אויסגעשפּילט אויף אונזערע שוואַכינקע מענשליכע קערפּערס. איך וועל, אויף וויפיל מיינע כוחות און מיטלען וועלען מיר ערלויבען, באַרייזען שטעט און לענדער און כ'וועל ריידען מיט ברידער געשניטענע, זאַמלען זייערע געשיכטעס און זיי אויסקריצען. איך מיין פאַרשרייבען, פאַר צוקונפטיגע דורות.

די יעניגע וועלכע איך קאָן ניט גרייכען פּערזענליך, בעט איך, אַז זיי זאָלען מיר צושיקען זייערע מעמואַרען און דאָקומענטען דורך פּאָסט. איך וועל זיי אָפּהיטען ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון מיינע אויגען, ווי דעם שראַם פון מיין ערשטער אָפּעראַציע.

טייערער, ליבער, האַרציגער רעדאַקטאָר, איך האָב אפשר פאַרציגען מיינע בריף אַביסעלע צו לאַנג. האט, אָבער, אין זינען, אַז אַן אָפּעראַציע — אַ „מעידזשאָר" אָדער אַ „מאַינאָר" — מיינט אַ באַגעגעניש מיט דעם אומבאַוואוסטען, אומבאַקאַנטען. ביי אַן אָפּעראַציע דערפיהלט דער חולה דעם טאַם פון די ענדלאָזע פליגעל פון דער אייביגקייט. די וואָס לעבען עס דורך האבען דעם געפיהל ווי זיי וואָלטען, אַזוי ווי יעקב אבינו, זיך געראַנגעלט מיט'ן פינסטערען מלאך און אים ביי־געקומען... דאַרפען געזונטע מענשען זיין טאָלעראַנט און אים לאָזען אויסדערציילען די פּלאָים פון זיין גרויסער דורכלעבונג...

אגב, ס'קאָן די געזונטע צוניץ קומען אויב און ווען דער כירורג וועט זיי אַ רוף טאָן.

זייט מיר געזונט און שטאַרק, טייערער רעדאַקטאָר.

אייער,
חיים עהרענרייך.

# קרובים געזוכט

טאַשמאַ, חיים, פון ראַדזיעיכאָוו, ווערט געזוכט פון זיין פּלימעניק בנימין טאַשמאַ, בצלאל'ס זוהן, איצט אין ישראל.

לאַק, מרים (מאַניאַ), מיידעלשער נאָמען פון יאַרשע, שמעון און שיינדעל'ס טאָכטער, ווערט געזוכט פון איר פּלימעניצע סאַלאַ לאַק, אַבראַהם לאַק'ס טאָכטער, פון יאַרשע, איצט אין ניו יאָרק.

ליפּאַ, —, ער איז זנעווען אין 1945 אַן אַנפירער פון קיבוץ „ניליי" אין לאַנער פּירטה. ווערט געזוכט פון מאָוס פּאַדאַליאַק, דער ברודער פון יעקב פּאַדאַליאַק און שוואָגער פון חיה סרעברעניק, איצט אין ניו יאָרק.

פּאַנץ, —, צוויי שוועסטער, שטאַמען פון לוצין (לודזאַ), לעטלאַנד, ווערען געזוכט פון זייער פּלימעניק לעאָניד פּאַנק, אַהרן־יוסף'ס זוהן, געבאָרען אין קאַרסאַוואַ, לעטלאַנד, און געוואוינט אין ריגע, איצט אין אַמעריקע.

פּערעלמוטער, רוסיע, און משפּחה, געקומען קיין אַמעריקע פון קריוואַיע אָזיעראָ, באַלטער געגענט, אוקראַינע, ווערט געזוכט פון חיים באַרשטען, דער זוהן פון אַברהם און אייניקעל פון א. מירקיס, פון באַלטע, איצט אין ישראל.

פעלדמאַן, יוסף, אַ רב אין באַלטימאָר, ווערט געזוכט פון ליבעלע זילבערוואַסער, פון יאַרשע, איצט אין ישראל.

קאַהן, לייב, שמואל'ס זוהן, פון מאַלאַט, ליטע, אַ בוטשער, און זיינע שוועסטער: איטע, צירעל און טשאַרנע, ווערען געזוכט פון משה רייכמאַן, איצט אין ווילנע.

קאַץ, חיים־שיעה, און זיין פרוי גנענדעל און זייערע קינדער נעכע־דבורה און רבקה, פון הרוביעשאָוו, ווערען געזוכט פון מאיר טעלער, איצט אין ניו יאָרק.

קופּפער, אסתר־רייזע, פון דער היים — ראַזענבלאַט, פון לאָדז, דוד־זעליק'ס און שרה'ס טאָכטער, ווערט געזוכט פון איר קוזין, העניך און בלומע גוטמאַנ'ס זוהן, פון לאָדז, איצט אין ניו יאָרק.

קעלער, חיים, פון נאַוויגראַד, און לייב־הירש ראָזען, פון נאַוויגראַד, און זיין פרוי פעסיע, פון דער היים — מאַמראַ, און זייער טאָכטער חנה, ווערען געזוכט פון פייגע קעלער, איצט אין ישראל.

קראַוועץ, יודעל, פון אַכרימאַוואַ לעבען אומאַן, אוקראַינע, ברוך'ס זוהן, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון דער בערדיטשעווער לאַנדסמאַנשאַפט אָדער בערדיטשעווער שוהל, ווערט געזוכט פון זיין פּלימעניק הערשעל ווינגראָוו, דער זוהן פון בעניע ווינאָקור און שבע קראַוועץ, איצט אין ניו יאָרק.

ראָזענפעלד, ביילטשע, און יעקב בירענצוויג, פון ראַדאָם, ווערען געזוכט פון א. ג. גאָלדבערג, אין ניו יאָרק.

פאַר מער אינפאָרמאַציע זיך ווענדען צום אידישען אַרבייטער קאָמיטעט, 175 איסט בראָדוויי, נ. י. טעלעפאָן: OR 3-7950

# העכערע עלטער־פּענסיעס און גרעסערע בענעפיטען אונטער'ן סאָשעל־סעקיוריטי געזעץ

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידוש)

פולע 40 קוואָרטאַלען שוין אַלעמאָל צו זיין באַרעכטיגט צו דעם, ווען מען וועט שפּעטער ווערען 65 יאָר אַלט.

לויט דעם נייעם ביל, פאַר וועלכען די קאָנגרעסלייט האבען געשטימט, וועט מען דאַרפען האבען וויינציגסטענס 20 קוואָרטאַלען, אין וועלכע מ'האט פאַרדינט ווייניגסטענס צו 100 דאָלאַר אַ קוואָרטאַל, אין די לעצטע צען יאָר. דער סענאַט־ביל שלאָגט־פאָר, אַז אַ מאַן פון 62 יאָר אָדער עלטער זאָל קענען באַרעכטיגט ווערען צו זיין עלטער־פּענסיע מיט בלויז אַ העלפט פון די קוואָרטאַלען פון 1950, און מוזען האבען אַ מינימום פון 6 קוואָרטאַלען.

די וואָס זיינען געשטעלט געוואָרען אויף פּענסיע האבען ביז איצט ניט געטאָרט פאַרדינען מער ווי ‎$14.99 אַ חודש. אויב איינער האט געהאַט אַ זייטיגען פאַרדינסטעל פון פולע 15 דאָלאַר אַ חודש, האט ער שוין ניט געקענט נעמען זיין רעגירונגס־פּענסיע. פון איצט־אָן, לויט ביידע בילס, וועט אַזעלכער מעגען פאַרדינען 50 דאָלאַר אַ מאָנאַט און אויך נעמען די רעגירונגס־פּענסיע. דער סענאַט־ביל ערלויבט אפילו אַ 75־יאָריגען פּענסיאָנער צו פאַרדינען וויפיל ער קען און נעמען אויך די פּענסיע.

בכלל מעג מען זאָגען, אַז דער סענאַט־ביל איז נאָך מער ליבעראַל, ווי דער, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז, אָבער ביידע בילס זיינען אַ גרויסע פאַרבעסערונג פון דעם, וואָס איז איצטער. ביידע בילס האבען אויך געמאַכט, אַז אַ סך מער מענשען זאָלען גערעכנט ווערען פון סאָשעל־סעקיוריטי. עס ווערט געפּלאַנט, אַז אַן ערך אַ זיבען אָדער אַכט מיליאָן מענשען, וואָס זיינען באַשעפטיגט ביי זיך אַליין, אָדער זיינען אַגענטען אָדער סעילסלייט, אָדער שטענדיגע באַדינער אין הייזער, זאָלען קענען צאָלען און זיין באַרעכטיגט צו די סאָשעל־סעקיוריטי בענעפיטען. אויף אַט־דעם אופן ווערט דער סאָציאַלער געזעץ פאַרגרעסערט און פאַרבעסערט. מיר האָפען, אַז אינגיכען וועט דער סענאַט אָננעמען דעם נייעם פאָרשלאַג און דער ביל וועט ווערען אַ געזעץ.

# אַראַבער אין נגב מאַכען אַ יום־טוב פאַר יגאל יאַדין, הויפּט־גענעראַל פון ישראל־אַרמיי

(שלום פון פּעידוש 2)

איך און גרויסער מבין אין די דאָזיגע זאַכען (ער איז אויך געווען דער ראַטגעבער אין דער גאַנצער צערעמאָניע) האט געענטפערט מיט מעשיות אין זעלבען סטיל און יאַדין אַליין האט זיך אויך אַריינגעמישט פון צייט צו צייט. אינצווישען האבען די באַלעבאַטים געמאַכט אַ „סורפּראַיז". מיט אַמאָל האט זיך דערהערט אין דרויסען אַ שיסעריי און געשריי. שעיך סולימאַנ'ס זוהן, דער אויסדערוויילטער פון זיינע קינדער, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ פּרינץ (ס'איז נאָר אַ וואונדער ווי ער האט געקענט אויסהאַלטען אין דער היץ צו טראָגען אַזאַ שווערען און באַפּוצטען פּעלץ און נאָך דערצו צוויי רעוואָלווערען...), האט ערקלערט, אַז דאָ גרייט זיך אַ גרויסע פאָרשטעלונג. ער האט געמיינט דעם געיעג פון פערד און קעמלען, וועלכע די בעדואינער האבען צוגעגרייט פאַר די געסט. די רייטער האבען זיך געיאָגט אויף זייערע פערד און קעמלען און דערביי געשאָסען אין דער לופט פון די ביקסען און געמאַכט ווילדע געשרייען. אַזעלכע „רעיסעס" האט נאָך אַמעריקע אָדער ענגלאַנד ניט געזעהן. די צוויי ערשטע פּראַיזען האבען געוואונען צוויי זיהן פון שעיך סולימאַן, וועלכע זיינען אָנגעקומען די ערשטע, סאַי אויף אַ פערד און סאַי אויף אַ קעמעל. דער שעיך איז געווען זייער צופרידען, ספּעציעל פון זיין באַליבטען זוהן, וועלכער האט געריטען אויף אַ פּרעכטיגען פערד. דער שעיך האט געשעפּט אַ סך נחת, סאַי פון דעם זוהן, סאַי פון דעם פערד. ווי עס האבען אָבער באַמערקט מבינים פון פערד־רעיסעס, זיינען צווישען די רייטער געווען צוויי אַנדערע, וועלכע האבען געקענט דעריאָגען דעם שעיך'ס זוהן. זיי האבען עס אָבער ניט געטאָן, וואָרשיינליך כדי ניט צו פאַרשאַפען סולימאַנ'ען עגמת נפש, אָדער אפשר נאָר, ווייל ס'איז בעסער זיך ניט אַנצוהויבען מיט אַ באַרימטען שעיך...

די גרויסע איבעראַשונג אָבער איז געקומען נאָך דער סעודה, ווען סולימאַנ'ס זוהן האט פאַרגעלעזען פון אַ פּאַפּיר (אויפ'ן שטייגער פון פּאַרלאַמענטען) זיין רעדע אין נאָמען פון די בעדואינער. די דאָזיגע רעדע האבען די שעיכען פאַרפאַסט, ווי כ'האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, זייער פאַרזיכטיג און אין פאַרלויף פון עטליכע טעג. זיי האבען אויסגענוצט די געלעגענהייט אום אויסצודריקען זייערע פאָדערונגען צו דער ישראל רעגירונג. וואָס זיינען געווען זייערע פאָדערונגען? ערשטענס, די רעגירונג זאָל זיי העלפען באַקומען מאָדערנע לאַנדווירטשאַפט־מאַשינען. זיי זאָלען קענען בעסער באַאַרבייטען זייערע פעלדער. דער רעדנער האט עס פאָרפאַסט אומגעפער אַזוי: „די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז מיר זיינען פּרימיטיווע מדבר־לייט... מיר זייען און אַקערען זיין הונדערטע יאָרען מיט דער הילף פון קעמלען און אייזלען. אָבער מיר האבען אין דער לעצטער צייט זיך צוגעקוקט ווי אַזוי עס אַרבייטען די אידישע פאַרמער אין די דערפער, וואָס זיינען אויפגעקומען ווי די שוואַמען אויפ'ן וויסטען מדבר...

און מיר, די שעיכען, וואָס לעבען אויף דער ישראל ערד, ווילען ברענגען פּראָגרעס אונזערע מאַסען... פאַרוואָס זאָל אַ בעדואינער ניט געניסען פון אַ מער מאָדערנעם לעבען? מיט וואָס ווילען מיר זיך אונטערשיידען פון די בעדואינער וואָס לעבען אין די צוריקגעשטאַנענע אַראַבישע מלוכות?..." דאָס איז געווען, אַלזאָ, דער הויפּט־פאַרלאַנג. צווייטענס, האבען זיי געבעטען מען זאָל אויף זיי ניט אַרויפלייגען קיין שטייערען. זיי האבען געהערט, האט געזאָגט דער יונגער רעדנער, אַז ישראל וויל יעצט אַרויפלייגען „אינקאַם טעקס" אויף אַלע, אַהן אויסנאַם. בעטען מען זיי, מען זאָל זיי ניט טעקסען. (אין דעם הינזיכט האט דער זוהן פון'ם מדבר געוואָלט פאַרבלייבען פּרימיטיוו... „מיר, מענשען, וואָס לעבען אין מדבר, זיינען ניט געוואוינט צו אַ פאַרטשעריטענער אַדמיניסטראַציע", האט ער געזאָגט. אַזוי ווי ער וואָלט וועלען אונטערשטרייכען, אַז די בעדואינער ווייסען ניט „מיט וואָס מען עסט עס"...) דאַן ווידער האבען זיי געהערט וועגען געזעץ, אַז אַלע בירגער פון ישראל דאַרפען האבען ספּעציעלע ערלויבענישען צו טראָגען געווער. מיר ווילען בלייבען פריי, ווי עס האבען געלעבט אונזערע זיידעס... דאַן האט אַן אַלטער שעיך איבערגעגעבען דעם אידישען גענעראַל אַ זילבערנע שווערד — אַ מתנה פון די אַראַבישע שבטים.

גענעראַל יאַדין, וועלכער האט זיך צוגעהערט מיט גרויס אינטערעס צו דער רעדע, האט געענטפערט אין נאָמען פון דער אַרמיי. די אַראַבער האבען טאַקע געגלויבט, אַז ער, יאַדין, קען אַלץ אויפטאָן, באַפרייען פון שטייערען, געבען מאַשינען... ער אָבער, דער הויפּט פון דער ישראל אַרמיי, ווייסט זייער גוט, אַז די אַלע זאַכען געהערען ניט צו אים און אַז ס'איז דאָ אַ רעגירונג, פון וועלכער ער אַליין באַקומט באַפעלען, און זי דאַרף באַשטימען. דאָס אַלץ האט ער אָבער די אַראַבער ניט געזאָגט אום ניט צו רואינירען זייער אילוזיע וועגען זיין גרויסקייט... „איך וועל וועגען דעם רעדען מיט די מיניסטאָרען", האט ער געזאָגט; „און איך האָף, אַז מען וועט אַ טייל פון אייערע וואונשען ערפילען". אויף די דאָזיגע ווערטער האבען די אַראַבער אויסגעבראַכען מיט אַ „הוררא!" און ווידער אָנגעהויבען צו שיסען...

די דאָזיגע בעדואינער, אַז מען זעהט זיי אין די מאָוויס אָדער אויף בילדער, זעהען זיי גאָר אַנדערש אויס. עס זיינען געקומען נייע צייטען, און דאָס לעבען פאַרענדערט די טיפּען, די מנהגים, דעם לעבענס־שטייגער. די דאָזיגע קינדער פון מדבר, ווי פּרימיטיוו זיי זאָלען ניט זיין, טראָגען שוין היינט מיליטערישע שיך, נוצען מאָדערנע וואַסער־קראַנען, און אין מאַנכע פון די געצעלטען קען מען זיך אַנשטויסען אויף אַ ראַדיאָ אָדער אַ גראַמאָפאָן... ס'קאָן זיין, אַז מאָרגען וועלען זיי זיין מאָדערנע פאַרמערס, מאָרגען וועט פאַרשווינדען די עקזאָטישע געשטאַלט פון דעם ווילדען בעדואינער, וועלכער וועט פאַרטוישען זיין קעמעל אויף אַ מאָדערנעם אויטאָמאָביל...

# אַ לעבן פון טרוימען

ראָמאַן
פון אידישען לעבען אין אַמעריקע
•
פון
מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— מאַ, וויפיל מאָל האָב איך דיר געבעטען זאָלסט ניט עפענען מיינע בריף! — האָט זי מיט כעס גערעדט צו איר מאַמען — איך האָב אַ רעכט אויף מיין „פּראַיוועסי“.

— און איך האָב אַ רעכט צו וויסען ביי דיר וואָס דו טוסט! — האָט בעלאַ נאָך מיט מער כעס אָפּגעענטפערט איר טאָכטער — דו ביזט מיין קינד!

בעלאַ האָט געהאַט גענוג אורזאַכען צו זיין אומרואיג וועגען איר טאָכטער. צוליב די שפּעטע שעה'ן וואָס זי איז איצט געקומען אַהיים איז איר אין דער פרי שווער געווען אויפצורייסען עלינאָר'ן פון שלאָף, אַז זי זאָל גיין אין סקול. עלינאָר האָט איצט ניט געהאַט קיין געשטעלטע צייט אויף קומען אַהיים עסען סאַפּער. האָט וויפיל מאָל שוין פּאַסירט ווען בעלאַ האָט דעם סאַפּער אָנגעגרייט פאַר זיי ביידען און זי האָט געמוזט עסען אַליין, ניט קאָנענדיג זיך דערוואַרטען אויף עלינאָר'ן. און אַז זי איז מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער געקומען צו גיין, איז איר פּנים געווען פאַרפלאַמט און אירע אויגען האָבען געשיינט. און ניט ווילענדיג האָט זי אָפּגערדרייט איר קאָפּ אַן אַ זייט, ווי זי וואָלט ניט וועלען אַז איר מאַמע זאָל דערקענען אַן איר, אַז זי האָט איצט ערשט געזעהן זיך מיט סאַני'ן. בעלאַ האָט שוין געמוזט רייִדען צו איר מיט כעס:

— פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט, אַז דו וועסט ניט קומען? איך האָב געוואַרט אויף דיר מיט'ן עסען. וואָס מיינסטו בין איך ביי דיר?

— אי עס סאָרי, מאַ, דו מוזט ניט וואַרטען אויף מיר — האָט עלינאָר איר אַ זאָג געטאָן. נאָר אין האַרצען האָט זי געפיהלט זיך שטאַרק שולדיג פאַר אַלץ. בעלאַ איז אַרומגעגאַנגען אַנגעברוגזט אויף איר טאָכטער, אָבער עלינאָר איז שוין געווען געוואוינט צו דעם. עס איז שוין ניט געווען דאָס ערשטע מאָל אַזוי. אוודאי איז די מאַמע געווען גערעכט. „די מאַמע איז אַלע מאָל גערעכט“, האָט עלינאָר מיט אַביסעל איראָניע אין זיך געטראַכט. נאָר וואָס האָט זי געקענט איר זאָגען? אַז זי אַליין האָט קיין נאָמען ניט צו דעם וואָס עס קומט מיט איר איצט פאָר. אַז זי האָט גאָר קיין צייט ניט געהאַט און ניט קיין געדולד אָפּצושטעלען זיך און אַריינטראַכטען זיך אין עפּעס.

— פאַרוואָס זאָלסטו אַמאָל ניט איינלאַדען דיינע פריינט אַהער אין שטוב — האָט בעלאַ איינמאָל צו איר טאָכטער געזאָגט — איך וואָלט אויך זיי וועלען קענען...

עלינאָר האָט אויף דעם נאָר געשוויגען שטיל. און איינמאָל, אַז זי איז געקומען אַהיים, האָט די מאַמע איר איי־בערגעגעבען, אַז עס איז געווען אַ טע־לעפאָן פאַר איר.

— דיין סוויטהאַרט האָט אָנגערופען — האָט בעלאַ געפּראָוועט זיין הומיש מיט איר טאָכטער.

— מיין סוויטהאַרט? ווער איז דאָס? — האָט עלינאָר כלומר'שט זיך געוואונדערט.

— איך ווייס ניט. ער האָט ניט געוואָלט זאָגען זיין נאָמען.

— ס'איז ניט קיין סוויטהאַרט, מאַ — זאָל זיך דיר ניט דוכטען...

— וואָס דען? — האָט בעלאַ פאַר־זיכטיג אַ פרעג געטאָן.

— אַ, איינער פון „באַנטש“, אַ באַ־קאַנטער מיינער. ער איז מאַרטאַ'ס אַ פריינט.

— איך מעג שוין אפשר וויסען ווי עס האַלט מיט אייך ביידען?

— ניטאָ וואָס צו וויסען, מאַ, — האָט זי אויף גיך אַ זאָג געטאָן.

— דו גייסט דאָך אַרום מיט אַ באָי, מיט אים איינעם, ניט אַזוי?

— יע, מיט איינעם — האָט שוין עלינאָר'ן פאַרדראָסען וואָס זי האָט אָנ־געהויבען רייִדען.

— נו, איז דאָך גוט... וועט דאָך מסתמא עפּעס גוטס אַרויסקומען פון דעם.

— איך ווייס ניט, מאַ — האָט עלי־נאָר מיט אַמאָל אָפּגעשניטען זייער שמועס. ניין, זי קען גאַרניט זאָגען איצט איר מאַמען. זי ווייסט נאָר, אַז אַ מאַן, אַ באָי, איז ווידער אַריין אין איר לעבען. און אַלץ איז אַזוי אַטעם־פאַרכאַפּענדיג, אַזוי „אינטערע־סאַנט“.

בעלאַ האָט דערווייל מער ניט גע־פרעגט. נאָר פון די פּאָר ווערטער וואָס זי האָט פון עלינאָר'ן געהערט איז גע־ווען גענוג, אַז זי זאָל ניט קענען פאַר־בלייבען רואיג. זי האָט דאָך געקענט גוט איר עלינאָר'ן, אַז זי קען אָפּטאָן זאַכען ניט באַרעכענטערהייט. ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַ באָי זי האָט זיך באַקענט. דאָס האַרץ האָט איר געשראָקען, עס זאָל חלילה ניט קומען צו אַ נייער צרה, און ווי צו פאַרמייי־דען דאָס האָט זי ניט געוואוסט.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַז עלי־נאָר איז ניט געווען אין דער היים, איז אייב גאַרדאָן געקומען צו גיין. ער איז געווען זיכער, אַז אין דער אַ צייט וועט ער טרעפען עלינאָר'ן אין שטוב. ער איז געבליבען שטיין אַפּהענדיג, דער־זעענדיג אַז זי איז ניטאָ.

בעלאַ האָט זיך מיט אים דערפרייט. זי האָט געהאָפט, אַז אפשר דורך אייב'ן וועט זי קענען מער זיך דער־וויסען פון עלינאָר'ס נייע גענג. אייב איז דאָך איר אַלטער, גוטער פריינט.

— וואַרט צו, אייב. עלינאָר וועט אפשר באַלד אָנקומען — האָט זי אים געזאָגט.

— ס'איז ניט וויכטיג, — האָט אייב זיך אָנגערופען — איך בין נאָר פאַר־בייגייענדיג אַרויפגעקומען.

בעלאַ האָט אים געבעטען זיצען. זי האָט מיט אים גערעדט פון אַלערליי זאַכען, ביז זי איז אַרויף אויף דעם שמועס וועגען עלינאָר'ן:

— אייב, דו ווייסט דאָך מסתמא ווער עס זיינען דאָס עלינאָר'ס נייע באַקאַנטע?

— איך? וואָס ווייס איך? — האָט אייב איר אָנגעקוקט פאַרוואונ־דערט.

— עפּעס אַ באָי. זי גייט מיט אים אַפּט אויס. ער רופט איר אָפּ אויפ'ן טעלעפאָן.

אייב איז אויך געווען פאַרצווייי־פעלט. ער פאַרשטייט אַלץ. ער איז ניט אַזוי טעמפּ. דאָס מיינט זי דעם באָי סאַני'ן, וואָס עלינאָר איז געוואָ־רען מיט אים גוט פריינט.

— איך קען אייך גאַרניט זאָגען, מיסעס ריווקין — האָט ער אַרויסגע־רעדט מיט אַ געבראָכענעם קול.

— איך האָב געמיינט, אַז דו ווייסט. דו ביזט דאָך אירער אַ פריינט.

— עלינאָר וועט מיר דערציילען אַזעלכע זאַכען?

ער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, נאָך מער צעטראָגען ווי בעלאַ.

— נו, איך וועל שוין גיין. גריסט עלינאָר'ן.

— קום צו גיין אָפטער, אייב — האָט אים בעלאַ געבעטען. זי האָט עס געמיינט מיט'ן גאַנצען האַרצען.

— יע, איך וועל זעהן.

## קאַפּיטעל אַכט און דרייסיג

סאַני האָט געהאַט אַ געוואוינהייט פון צייט צו צייט צו איבערראַשען עלינאָר'ן, און קומען צו איר, ניט אָנ־זאָגענדיג איר פריער אויפ'ן טעלעפאָן, ניט אָפּגערעדטערהייט. ער פלעגט איר אָפּוואַרטען לעבען איר שטוב אין אַ אָווענט, אָדער פאַרנאַכט ווען זי איז געגאַנגען פון סקול, פלעגט ער מיט אַמאָל אויסוואַקסען פאַר איר פּלוצלונג. אַזעלכע אומגעריכטע באַגעגענישען זיינען געווען אַטעם־פאַרכאַפּענדיג און עס האָט איר כסדר געהאַלטען גע־שפּאַנט. אַז ער האָט זיך צו איר דער־מאָלט דערנעהנטערט, איז געווען ווי אַ הייסער ווינט וואָלט אויף איר אַ ווייע געטאָן.

— קום, איך וועל דיך צופירען אַהיים — האָט ער איר אָנגענומען פאַר אַ האַנט.

— לאָמיר אַריינגיין אויף אַ ווייִלע אין פּאַרק — האָט עלינאָר פאַרגע־לייגט.

— דו ביזט ניט הונגעריג?

— ניין, ווער דאַרף עסען? — האָט זי אַ לאַך געטאָן.

קראָטאָנאַ פּאַרק אין אָנהויב פון חודש יוני. די ביימער זיינען רייך צע־בליהט. אומעטום גרינע וויטקייטען. קלאָרע, בלויע הימלען, און די שמע־קעדיגע יוני ריחות. זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און שטיל אין אינטים צווישען זיך געשמועסט. סאַני האָט איר דעמאָלט פאַרטרויט אַ סוד, אַז ער האָט פאַרטראַכט אָנצו־שרייבען אַ בוך. עס איז נאָך ניט

גענוג קלאָר פאַר אים ווי ער וועט דאָס אויספירען. ער ווייסט נאָר, אַז דאָס וועט זיין וועגען אַ היינטיגען יונגען מענשען און זיינע פּראָבלעמען.

עלינאָר איז געווען איבערוועלטיגט. זי האָט שוין לאַנג דערפיהלט, אַז סאַני איז אויסערגעוויינליך באַגאַבט. און דאָס האָט געמוזט אין עפּעס זיך אויס־דריקען ביי אים.

— און וועגען מיר וועט דאָרט אויך זיין אין בוך? — האָט זי אַ פרעג געטאָן האַלב אין שפּאַס. סאַני האָט אַ ווייִלע אַריינגעקוקט איר אין די אויגען:

— יע, איך וועל שרייבען וועגען דיר אויך. — האָט ער אויך גערעדט האַלב אין שפּאַס.

(ווייטערס מאָרגען)

## מתנות צו קרובים אין ישראל, רוסלאַנד, רומעניע און אַנדערע לענדער!

די סילוואַן טרעידינג קאָ., 200 איסט 12טע סטריט, ניו יאָרק, שיקט שוין ווידער קיין ישראל פּרידזשידערס, וואַש און נעה־מאַשינען, אויוועגס, ראַדיאָס, מאָטאָראָיטערס, אַלע שטייערען דאַ אָפּגעצאָלט און מיט אַ ביאַ־רינגע גאַראַנטי. ביליגער ווי איבעראַל און שנעל דעליווערט. אויך שפּייז סערטיפיקאַטען מיט לופט־פּאָסט און דאַ־געפּאַקטע שפּייז־פּעק־לער, לויט אייער אויסוואַל, פריי פון רעיִשאַ־נינג. קיין רוסלאַנד און אַנדערע לענדער שי־קען מיר אַלערליי וואָלשטאָפען אויף קאַס־טיומען און מאַנטלען מיט אַלע צוגאָבען. אויך שיך און אונטערוועש פאַר פרויען און מענער. אויך אייערע גענוצטע קליידער. אַלעס אָפּגעשאַצט נידעריג, אַזוי אַז די שטייערען קומען אויס זעהר קליין. אויך מעדיצינען מיט לופט־פּאָסט. אויך קיין רומעניע שיקען מיר נאָך מעדיצינען מיט לופט־פּאָסט. אַלע אונזער שיקונגען זיינען אינשורט אויף דער פולער סומע. מעיל אָרדערס ווערען פּינקטליך ערלעדיגט. אָרגאַניזאַציעס קריגען רעדוק־ציעס. טויזענטער רעסיטס זיינען שוין אָנגע־קומען, אַז די פּעקלעך געשיקט דורך אונז, זיינען ערהאַלטען געוואָרען פּינקטליך און שנעל. ווענדעט זיך נאָך ליפלעטס צו בענדזשאַ־מין טייטעלבוים, יאַרען־לאַנג מיט'ן דזשאָינט און פּאַראייניגטען אידישען אַפּיל און איצט מיט דער
SYLVAN TRADING CO.
200 East 12th St. (cor. 3rd Avenue)
New York 3, N. Y.
Phone: GRamercy 7-5681 (*

## פריי

אַהן אירגענד וועלכע פאַרפּליכטונגען ווע־לען די דאַינאַמיק סטאָרס ברענגען צו אייך אַהיים אַ פרייע היים־דעמאָנסטראַציע פון דעם באַרימטען מאַדזשעסטיק טעלעוויזשאַן סעט. אַלעס וואָס איר דאַרפט טאָן, איז טעלע־פאָנירען היינט, מאָרגען, אָדער ווען איר ווילט, טראַפאַלגאַר 4—2300, און איר קריגט דעם סעט, און איר וועט האָבען דעם פאַר־גענינגען צו זעהן די פיינע טעלעוויזשאַן פּראָגראַמען. איר קענט אויך שרייבען צו זיי אַז איך ווילט זעהן און הערען ווי דער סעט אַרבייט. אַבסאָלוט פריי, אָהן פאַרפּליכ־טונג. לייגט ניט אָפּ — טעלעפאָנירט אפילו היינט — טראַפאַלגאַר 4—2300. (*






שיקט אייערע ביישטייערונגען צום יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל דורכ'ן „פאָרווערטס“


















# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאַרטזעצונג)

אין דער מינוט האָבען זיי דערזעהן פון דער ווייטענס אייב גאָרדאָנ'ען אָנ־קומען. סאָני האָט אַזוי ווייניג גע־האַלטען פון אייבי'ן, אַז ער האָט זיך ערלויבט וועגען אים אַ שפּאַס טאָן:

— אָן דאָרט גייט דיין באַי־פרענד, עלינאָר.

— ער איז אונזערער אַ שכן, אַן אַלטער פריינט...—האָט עלינאָר אַזוי פאַרענטפערט זיך.

אייב איז צוגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען זיי מיט אַ טעקע פּאַפּירען אונטער'ן אָרעם. עלינאָר האָט ניט ווילענדיג זיך צונויפגעצויגען, געוואָרען פאַרשטייפט. איר האָט זיך געדאַכט ווי אייבי גייט איר נאָך, צו זעהן מיט וועמען זי פאַרברענגט.

— פון וואַנען גייסטו איצט, אייב? — האָט אים עלינאָר געפרעגט, ווי מיט אַ גלייכגילטיגער מינע.

אייב האָט איר געזאָגט, אַז ער גייט איצט פון קאָלעדזש. אַז ער אַרבייט זייער שווער די לעצטע עטליכע וואָכען צוליב די אַלערליי „טעסטס", עקזאַ־מענס, וואָס ער דאַרף דורכגיין. סאָני האָט אַ ווײלע אָנגעקוקט אייבי'ן מיט אַ לייכטען חוזק־שמייכעל.

עפּעס ווי ניט ווילענדיג, האָט זיך צווישען די צוויי בחורים אַנטוויקעלט אַזאַ סאָרט־שמועס, וואָס האָט געוויזען ווי זיי האָבען זיך ביידע ניט ליב. סאָ־ני האָט מיט גרינגשעצונג אָנגעהויבען ריידען פון דעם סאָרט סטודענטען, וואָס יאָגען זיך נאָך דיפּלאָמאָס.

— זיי גייען דורך קאָלעדזש און פאַרבלייבען אומוויסענד ווי געווען, — האָט ער גערעדט מיט אויטאָריטעט. ער האָט געלייגט די שולד אויף דער סיסטעם פון היגען לערנען, וואָס איז צוגעפּאַסט נאָר פאַר דער „עווערידזש" (פאַר מענשען מיט מיטעלמעסיגע פעהיגקייטען).

אייב איז פון אַלע מאָל ניט געווען אַזוי געשיקט אין פירען לאַנגע גע־שפּרעכען מיט אימיצען. נאָר אַז עס איז געקומען צו זאַכען, וואָס אים איז געווען גוט באַקאַנט, האָט ער זיך ניט געלאָזען אַזוי גיך אַראָפּוואַרפען, און ער האָט באַלד אָפּגעענטפערט סאָני'ן:

— אויף וויפיל איך ווייס, שטערט קיינער ניט איינעם וואָס פאַרמאָגט העכערע פעהיגקייטען — האָט אייב אָנגעהויבען — פאַרקערט, די סקול העלפט אים נאָך אַרויס. אַזאַ סטו־דענט דאַרף נאָר האָבען ווילען צו לערנען, צו אַרבייטען, וועט ער געוויס זיין אַן ערפאָלג.

— ערפאָלג! — האָט סאָני אַ לאַך געטאָן — וואָס איז אַזוינס ערפאָלג? נאָר באַגרעניצטע מענשען האַלטען פון דעם אָנגענומענעם באַגריף „סוקסעס", ערפאָלג.

צוויי באַזונדערע מענשען זיינען איצט געשטאַנען איינע אַנטקעגען די אַנדערע. אייב, דער וואָס זיצט טאָג און נאַכט איבער די ביכער, טוט „ריסוירטש־אַרבייט", צו דערגרונטע־ווען זיך אין די סודות פון דער נאַטור, און וואָס ער האָפט, אַז אפשר, אין דער צוקונפט, וועט ער צו עפּעס וויכ־טיגס דערגרייכען. און סאָני, גרינג־מוטיג און לעבענסלוסטיג, ער וויל לעבען שוין איצט, געניסען פון אַל־דאָס גוטע וואָס עס קומט אים אַנט־קעגען, און ער וויל זיך ניט גרייטען פאַר דער צוקונפט, וואָס איז פאַר אים ניט קלאָר.

— דאָס לעבען איז אַזוי רייך, פאַר־שידענאַרטיג. און מענשען ווילען עס באַגרעניצען.

ער האָט זיך מיטאמאָל צורעדט, סאָני. דאָס גאַנצע איצטיגע לעבען אונזערס איז אים ניט געפעלען. אַלץ איז ביי אונז „סטאַנדאַרדאַיזד", אין אַ באַשטימטער פאָרמע אַריינגענומען; אַלץ גייט לויט איינגעשטעלטע כללים. און אַ מענש מיט העכערע באַגריפען קען זיך ניט אַריינפּאַסען אין אַזאַ לעבען. ער האָט אַרויסגעזאָגט גע־דאַנקען בליציגע, ראַשיגע. ער האָט דערמאָנט געוויסע גרויסע מענשען, שרייבער און קינסטלער, וואָס די סביבה זייערע האָט אויף זיי געדריקט. די מענשען האָבען זיי ניט פאַרשטאַ־נען. וועגען זיך אַליין האָט סאָני גע־זאָגט, אַז עס איז ניט אין זיין נאַטור צו לאָזען זיך איינשפּאַנען און טאָן זאַכען וואָס מען הייסט אים. און ניט וואָס ער אַליין וויל. און רעדענדיג אַזוי האָט ער אויסגעזעהן זעהר געהויבען.

סאָני, ריידענדיג אַזוי, האָט זיך גע־ווענדעט מער צו עלינאָר'ן ווי צו אייבי'ן. און עלינאָר איז געזעסען אויף דער באַנק שטאַרק פאַראינטער־רעסירט, מיט ברייט־צעעפענטע אויגען. זי האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגען פון סאָני'ס ריידען. אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען אַזוי ניי און אינ־טערעסאַנט. זי איז געווען מיט אים. ווער קען אים נאָך אַזוי פאַרשטיין ווי זי. אין איר אַליין האָט אויך געלעבט אַן אומרוה און זי איז אויך געווען אומצופרידען מיט'ן לעבען, מיט דער וועלט. אַ מין פאַרמעסטען זיך מיט אומגעזעהענע כוחות. און זי האָט גע־זעהן אין אים אַ גרויסע פּערזענליכ־קייט, וואָס קען זיך ניט אַריינפּאַסען אין געוויינליכען, טאָג־טעגליכען לעבען.

אַז אייב האָט אויך געוואָלט אַריינ־וואַרפען אַ וואָרט, איז סאָני געווען מיט איב אומגעדולדיג, און זיינע באַווע־גונגען זיינען געווען האַסטיגע, נער־וועזע. אייב האָט אים היינט גע־שטערט. ער האָט גאָר געהאַט היינט אין זינען צו פאַרברענגען אַ פּאָר שעה מיט עלינאָר'ן אין אַ געמיטליכער שטימונג. עלינאָר אַליין איז איצט אויך געווען אין כעס אויף אייבי'ן, פאַרוואָס ער איז אַזוי באַגרעניצט, ער איז „ראָל", לאַנגווייליג, און זיין אופן פון אַרויסזאָגען אַ געדאַנק איז שווער און לאַנגזאַם. און סאָני איז אַזוי קאָלירפול און פאַרשידענאַרטיג, און זיין גאַנצע פּערזאָן איז פאַרכאַפּענדיג אינטערעסאַנט.

און ביי אייבי'ן אין קאָפּ איז איצט געווען אַ כאַאָס, אַ מיש־מאַש. סאָני האָט דאָ אָנגעוואָרפען אַ סך געדאַנקען וואָס האָבען קיין שייכות ניט איינס צום אַנדערען; און אייבי'ן האָט זיך געגלוסט אַריינברענגען אַן אָרדנונג אין די אַלע פראַגען וואָס ער האָט באַרירט און האַלטען זיך צום פּונקט. פון וואַנען זיי האָבען זיך אָנגעהויבען. נאָר ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז סאָני וועט אפשר ווידער וועלען אים אַראָפּזעצען און אים פאַרשרייען, האָט ער שוין געשוויגען שטיל. אַלע רייד האָבען זיך ביי אים אויסגענומען אינ־גאַנצען און אייב האָט נאָר פאַר זיך אונטערגעברומט אַ ניגון'דעל.

עס איז שוין געווען שפּעט אין פאַרנאַכט, און ביידע בחורים זיינען נאָך ניט אַוועק. עס האָט אויסגעזעהן ווי יעדערער פון זיי האָט געוואָלט איצט פאַרבלייבען מיט עלינאָר'ן אַליין; און עס איז אַזוי ווי געווען צווישען זיי אַ פאַרוועט, ווער וועמען וועט קענען איבערוואַרטען. און קיין איינער פון זיי איז ניט אַוועק. אייב האָט אויך געקענט זיין איינגעשפּאַרט, ווייזט אויס, און ער איז געבליבען אויפ'ן אָרט. עלינאָר'ן איז אַזש געוואָרען אומבאַקוועם. און צו מאַכען אַ סוף פון דער אומאַנגענעמער לאַגע, האָט זי זיך אַליין אויפגעהויבען פון אָרט.

— נו, איך מוז שוין גיין אַהיים...

איצט האָבען ביידע בחורים מיט אַמאָל זיך אָפּגעזעגענט מיט עלינאָר'ן און זיינען אַוועק.

— וואַרט־צו, אייב — האָט זי אים אַ רוף געטאָן — איך גיי אויך מיט דיר.

---

גייען זיי ביידע אַהיים, אייב און עלינאָר. פאַרוואָס האָט זי אים גע־הייסען וואַרטען אויף איר? פיהלט זי זיך שולדיג אַנטקעגען אייבי'ן? וואָס איז ער דען צו איר? נאָר אַזוי, אַ פריינט. דאָך וויל זי ניט ער זאָל טראָגען אויף איר אַ כעס. זיינען זיי געגאַנגען איצט אויפ'ן וועג אַהיים, ביידע שווייגענדיגע אַ לאַנגע ווײלע.

אייב איז געווען זעהר צוטראָגען. ער האָט געפיהלט ווי עלינאָר דערוויי־טערט זיך פון אים וואָס ווייטער אַלץ מער. און דער שולדיגער איז דאָ סאָני. עס איז מאָרגע. קיינמאָל האָט ער ניט געהאַט אַזאַ ביטערען געפיהל צו אַ מענשען, ווי ער פיהלט איצט צו סאָני'ן. ער האָט אַזוי ניט געפיהלט צו לאַרי'ן, ווען עלינאָר האָט זיך אין אים פאַרליבט. אַוודאי האָט ער דער־מאָלט געליטען וואָס זי האָט ליב אַן אַנדער באַי און ניט אים. נאָר ער האָט ניט פאַרדעכטיגט קיין שום שלעכטס. ער האָט געוואוסט, לאַרי איז אַן ערנסטער מענש, אַ פאַראַנט־וואָרטליכער. און עלינאָר'ן וואָלט זיך לעבען גוט פאַר אים. און ער, אייב, האָט דאָך נאָר געוואונשען איר גוטס...

(ווייטערעס מאָרגען)

# מאַקס געביל דערצעהלט

(שלוס פון פּעריאָדש 2)

בילדינג. אין פאַרלויף פון דעם סעזאָן וואָס איך האָב געשפּילט ביי ביימאַוויטש'ן איז זיין ליס אויסגע־גאַנגען און דער לענדלאָרד האָט גע־וואָלט אַ רעיז אויפ'ן טעאַטער פון 3,000 דאָלער אַ יאָר. ביימאַוויטש, וועלכער איז געווען זייער אַ טיכטיגער געשעפטסמאַן און אַ קלוגער, אָבער אויך זייער איינגעהאַלטען ווען עס איז געקומען צום אויסגעבען געלט, האָט זיך גע'חכמה'ט און געוואַרט, מיט דער אויסרעכענונג, אַז דער לענדלאָרד וועט נישט האָבען וועמען אָוועקצוגעבען דאָס טעאַטער, וועט ער זיין צופרידען צו געבען ביימאַוויטש'ן אַ נייעם ליס אויף די אַלטע באַדינגונגען. דאָס מאָל האָט ביימאַוויטש אָבער געמאַכט אַ גרויסען טעות. מיין פריינט, דער טעאַטער־לאַיער טשאַרלי ווינבלאַט, וואָס האָט געהאַט פון מיר אַן אָרדער צו דערוויסען זיך וואו מען קאָן עפּעס קריגען אַ פּאַסיג טעאַטער פאַר מיר, האָט זיך דערוואוסט וועגען דער גאַנ־צער געשיכטע. נו, וואָס קלערט איר? ער האָט לאַנג נישט געוואַרט, איז אָוועק צום לענדלאָרד, האָט אים גע־געבען דעם געפאָדערטען רעיז און גע־קראָגען אַ ליס אויף 5 יאָר צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב גערן מסכים געווען צו דעם געשעפט און אַזוי בין איך צום ערשטען מאָל גע־וואָרען אַ זעלבסטשטענדיגער מע־נעדזשער אין ניו יאָרק מיט אַ ליס אויף 5 יאָר צייט.

איך האָב געפיהלט, אַז איצט הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין מיין לעבען, אַז עס הערען אויף די וואַנדערונגען און דאָס לויפען פון איין טעאַטער אין אַן אַנדערען, נאָר אַז איך ווער אַ תושב פון ניו יאָרק און אַז איך הייב אָן אַ ניי קאַפּיטעל, אפשר דאָס סאַמע וויכטיגסטע, צו וועלכען איך דאַרף זיך שטאַרק צוגרייטען.

דאָס איז נאָך אַלץ געווען די צייט ווען די סטאַרס אויף דער אידישער בינע זיינען געווען אַדלער, קעסלער און טאָמאַשעווסקי און דער טעאַטער־עולם איז געווען פּאַטריאָטיש גע־שטימט און האָט אַזוי לייכט נישט פאַרלאָזט זיינע „געטער".

איך האָב געוואוסט, אַז איך גיי אַריין אין אַ שווערען קאַמף זיך אויס־צוקעמפען אַ זעלבסטשטענדיגע פּאַ־זיציע אויף דער אידישער טעאַטער־נאַס, אָבער יונג בין איך געווען, פול מיט מוט, מיט גלויבען, און מיט אַ שטיקעל פּראַקטיק, וואָס האָט מיר גע־וויזען, אַז איך האָב דערפיהלט דעם פּולס פון דעם אידישען טעאַטער־באַזוכער און איך האָב זיך מיט אַ פייער אַריינגעוואָרפען אין קאַמף צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט פון אידישען טעאַטער, און איך האָב דעם קאַמף געוואונען.

נאַטירליך, איז די הויפּט־סביבה אין וועלכער איך האָב פאַרבראַכט געווען צווישען שוישפּילער, אָבער איך האָב אויך פאַרבראַכט אין אַנדערע קרייזען, באַזונדערס צווישען שרייבער און צייטונגס־מענשען, און די נאָענטסטע גרופּע מיט וועלכער איך און דזשעני האָבען זייער אָפט און גוט פאַרבראַכט צוזאַמען זיינען געווען די צייטונגס־לייט יעקב פישמאַן, ישראל דער יענקי (פרידמאַן) און יצחק גאָניקמאַן. דער סאַמע נאָענטסטער פון די דריי אין מיר געווען יעקב פישמאַן, דער שפּעטער באַקאַנטער ציוניסטישער פירער אין אַמעריקע און פריער מיטאַרביי־טער און דערנאָך רעדאַקטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל". אָבער צו יענער צייט איז ער נאָך געווען אַ מיטאַרביי־טער אין „אידישעס טאַגעבלאַט".

איינמאָל, אין אַן אינמיטען שמועס מיט פישמאַנ'ען, האָב איך זיך פאַר אים פאַרטרויט, אַז איך האָב שטאַרק חשק צו ווערען זעלבסטשטענדיג און אַז איך זוך אַ פּאַסיג טעאַטער פאַר מיר. דאַרויף האָט מיר פישמאַן גע־זאָגט, אַז אויב איך וועל קריגען אַזאַ טעאַטער, איז ער גרייט געהן צוזאַמען מיט מיר אין שותפות.

געדענקענדיג גוט דעם וואונש פון פישמאַנ'ען אַריינצוגיין אין די טעאַ־טער ־ ביזנעס, איז באַלד ווי איך בין געגאַנגען נעמען דאָס „ליפּצין"־טעאַטער, בין איך אָוועק צו אים און אים געזאָגט:

— פישמאַן, איך גיי נעמען דאָס ליפּצין טעאַטער און איצט האָט איר אַ שאַנס אַריינצוגיין מיט מיר אַלס פּאַרטנער.

— וואָס? — האָט פישמאַן גע־ענטפערט — אין אַ טעאַטער וואו מינץ האָט זיך דערשאָסען, ווייל ער האָט געמאַכט שלעכטע ביזנעס, וואו קעני ליפּצין האָט נישט געמאַכט קיין ביזנעס?! ניין, נישט נאָר וועל איך דאָרט נישט אַריינלייגען קיין סענט, נאָר איך וואָרן אייך אויך, אַלס גוטער פריינט, אַז איר זאָלט זיך ניט, ווי מען זאָגט, אַריינלייגען מיט אַ געזונ־טען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט. געדענקט, אַז איר וועט דאָרט האָבען אַ ביטערען סוף.

און פישמאַן איז נישט געווען דער איינציגער וואָס האָט מיך געוואָרנט, אַז איך באַגיי אַ זעלבסטמאָרד מיט איבערנעמען דאָס „ליפּצין"־טעאַטער. אויף טריט און שריט האָט מען דאָס געקאָנט הערען אין די טעאַטער־קרייזען.

אַביסעל שפּעטער האָט מיר מיין פריינט, דער אַקטיאָר פּיטער גראַף, דערציילט, אַז ווען טאָמאַשעווסקי האָט דערהערט, אַז איך האָב גענומען אַ ליס אויף 5 יאָר אין ליפּצין טעאַטער, האָט ער מיך שטאַרק באַדויערט:

— אַ גרויסער שאָד אַט דער יונ־גערמאַן, דער געביל — האָט ער געזאָגט אויף זיין שטייגער — ער איז אַ פעהיגער מענש, אָבער ער וועט לאַנג נישט קאָנען אָנגיין אין דעם טעאַטער. ווי נעמט ער זיך אונטער צו קאָנקורי־רען געגען אונז?!

אַנדערע אַקטיאָרען, ווען זיי האָבען דערהערט, אַז איך נעם איבער דעם ליפּצין טעאַטער, האָבען מיך אָנגע־קוקט ווי משוגע.

— וואָס! — האָבען זיי געזאָגט — געגען אַזעלכע לייבען און בערען ווי קעסלער, אַדלער און טאָמאַשעווסקי גייט איר קאָנקורירען?! זיי וועלען דאָך אייך צערייבען אויף פּיצלעך. אַ שאָד יעדער סענט וואָס איר לייגט אַריין אין טעאַטער.

אָבער וואָס מער איך האָב געהערט אַט די מיינונגען, אַלץ גרעסער איז גע־וואַקסען מיין אַמביציע דווקא צו ווייזען וואָס איך בין יאָ איכשטאַנד אויפצוטאָן, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך גיי אַריין אין אַ שלאַכט, ווי אין זיין צייט דוד געגען גלית'ן.

(די געשיכטע מיט מיין נייער פּיעסע „ריינער געוויסען" אין קומענדיגען קאַפּיטעל).

# אַ וויכטיגע נייעס פאַר יעדער אידישע באַלעבאָסטע

עס איז באמת אַ פאַרגעניגען צו באַריכ־טען, אַז אַ פּראָדוקט, וועלכער איז שוין גע־וואָרען אַ הויז־וואָרט אין אידישע היימען איבער גאַנץ אַמעריקע, איז איצט אַזוי פאַר־בעסערט געוואָרען, אַז ער וועט ממש אויפ־טאָן וואונדער פאַר אייך. דער דאָזיגער פּראָ־דוקט איז דער באַרימטער כשר און פּאַרעווע ריינינער באַב־אָ. די פּראָדוצירער פון באַב־אָ האָבען איצט צוגעגעבען אַ דיטוירדזשענט צו דעם כשר און פּאַרעווע באַב־אָ ריינינער און ער טוט איצט די שטויגענדע ריינינונגס־אַר־בייט אַ סך שנעלער, גרינגער, באַקוועמער און גרינטליכער.

אין דעם נייעם 1950 כשר און פּאַרעווע באַב־אָ איז איצט אַריינגעטאָן אַ דיטוירד־זשענט, וועלכער שווענקט אַוועק שמוץ און צעלאָזט פעטס נאָך בעסער ווי ביז איצט. דיטוירדזשענטס וועלכע ווערען געברויכט פאַר וואַשען וועש און קליידער ווייסער און ריינער, וועט איצט אויך מאַכען אייערע סינקס, טעפּ, פאַנען און באַטרום ציכטיגער און ריינער מיט אַ סך ווייניגער מיה, אַר־בייט און צייט.

אויב איר האָט נאָך ביז איצט ניט גע־ברויכט כשר און פּאַרעווע באַב־אָ, ראָטען מיר אייך צו קריגען אַ קען היינט פון אייער גראָ־סער. ביים ערשטען ריינינען פון אייערע טעפּ און אייער הויז־אַרבייט, וועט איר ערשטוינט ווערען ווי וואונדערבאַר דער נייער באַב־אָ מיט דער „שווענקט־אַוועק" ווירקונג וועט טאָן די אַרבייט פאַר אייך. איר וועט עס קוים גלויבען און וועט זיך וואונדערען פאַרוואָס איר האָט ער נאָך ביז היינט ניט גענוצט. און די באַלעבאָסטעס וועלכע ווייסען שוין ווי וואונדערבאַר באַב־אָ איז ביז איצט געווען, וועלען זיינען ליב־געזאָגען פאַר דעם נייעם באַב־אָ. קריגט היינט און נוצט נאָך היינט דעם פעטס־צעלאָזענדען שמוץ אַוועקשווענקענ־דען כשר און פּאַרעווע באַב־אָ, און איבער־צייגט זיך, אַז קיין בעסערע כשר און פּאַרעווע ריינינער פאַר אייער היים איז ניט צו געפינען!

*)














































# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

אין דער מיגוט האָבען זיי דערזעהן פון דער ווייטענס איבּ גאָרדאָנ'ען אָנ־קומען. סאָני האָט אַזוי ווייניג גע־האַלטען פון איבּי'ן, אַז ער האָט זיך ערלויבט וועגען אים אַ שפּאַס טאָן:

— אָן דאָרט גייט דיין באַי־פרענד, עלינאָר.

— ער איז אונזערער אַ שכן, אַן אַלטער פריינט...—האָט עלינאָר אַזוי פאַרענטפערט זיך.

איבּ איז צוגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבען זיי מיט אַ טעקע פּאַפּירען אונטער'ן אָרעם. עלינאָר האָט ניט ווילענדיג זיך צונויפגעצויגען, געוואָרען פאַרשטייפט. איר האָט זיך געדאַכט ווי איבּי גייט איר נאָך, צו זעהן מיט וועמען זי פאַרברענגט.

— פון וואַנען גייסטו איצט, איבּ?
— האָט אים עלינאָר געפרעגט, ווי מיט אַ גלייכגילטיגער מינע.

איבּ האָט איר געזאָגט, אַז ער גייט איצט פון קאַלעדזש. אַז ער אַרבּייט זייער שווער די לעצטע עטליכע וואָכען צוליב די אַלערליי „טעסטס", עקזאַמענס, וואָס ער דאַרף דורכגיין. סאָני האָט אַ ווייל׳ע אָנגעקוקט איבּי'ן מיט אַ לייכטען חוזק־שמייכעל.

עפּעס ווי ניט ווילענדיג, האָט זיך צווישען די צוויי בחורים אַנטוויקעלט אַזאַ סאָרט־שמועס, וואָס האָט געוויזען ווי זיי האָבען זיך ביידע ניט ליב. סאָ־ני האָט מיט גרינגשעצונג אָנגעהויבען ריידען פון דעם סאָרט סטודענטען, וואָס יאָגען זיך נאָך דיפּלאָמאַס.

— זיי גייען דורך קאַלעדזש און פאַרבלייבען אומוויסענד ווי געווען, — האָט ער גערעדט מיט אויטאָריטעט. ער האָט געלייגט די שולד אויף דער סיסטעם פון היגען לערנען, וואָס איז צוגעפּאַסט נאָר פאַר דער „עווערעדזש" (פאַר מענשען מיט מיטעלמעסיגע פעהיגקייטען).

איבּ איז פון אַלע מאָל ניט געווען אַזוי געשיקט אין פירען לאַנגע גע־שפּרעכען מיט אומיצען. נאָר אַז עס איז געקומען צו זאַכען, וואָס אים איז געווען גוט באַקאַנט, האָט ער זיך ניט געלאָזען אַזוי גיך אַראָפּוואַרפען. און ער האָט באַלד אָפּגעענטפערט סאָני'ן:

— אויף וויפיל איך ווייס, שטערט קיינער ניט איינעם וואָס פאַרמאָגט העכערע פעהיגקייטען — האָט איבּ אָנגעהויבען — פאַרקערט, די סקול העלפט אים נאָך אַרויס. אַזאַ סטו־דענט דאַרף נאָר האָבען ווילען, צו לערנען, צו אַרבּייטען, וועט ער געווי־זיין אַן ערפאָלג.

— ערפאָלג! — האָט סאָני אַ לאַך געטאָן — וואָס איז אַזוינס ערפאָלג? נאָר באַגרעניצטע מענשען האַלטען פון דעם אָנגענומענעם באַגריף „סוקסעס", ערפאָלג.

צוויי באַזונדערע מענשען זיינען איצט געשטאַנען איינע אַנטקעגען די אַנדערע. איבּ, דער וואָס זיצט טאָג און נאַכט איבּער די ביכער, טוט „ריסוירטש־אַרבּייט", צו דערגרונטעווען זיך אין די סודות פון דער נאַטור, און וואָס ער האָפט, אַז אפשר, אין דער צוקונפט, וועט ער צו עפּעס וויכ־טיגס דערגרייכען. און סאָני, גרינג־מוטיג און לעבענסלוסטיג, ער וויל לעבען שוין איצט, געניסען פון אַל־דאָס גוטע וואָס עס קומט אים אַנט־קעגען, און ער וויל זיך ניט גרייטען פאַר דער צוקונפט, וואָס איז פאַר אים ניט קלאָר.

— דאָס לעבען איז אַזוי רייך, פאַר־שידענאַרטיג. און מענשען ווילען עס באַגרעניצען.

ער האָט זיך מיטאַמאָל צורעדט, סאָני. דאָס גאַנצע איצטיגע לעבען אונזערס איז אים ניט געפעלען. אַלץ איז ביי אונז „סטאַנדאַרדאַיזד". אין אַ באַשטימטער פאָרמע אַריינגענומען; אַלץ גייט לויט איינגעשטעלטע כּללים. און אַ מענש מיט העכערע באַגריפען קען זיך ניט אַריינפּאַסען אין אַזאַ לעבען. ער האָט אַרויסגעזאָגט גע־דאַנקען בליציגע, ראַשיגע. ער האָט דערמאָנט געוויסע גרויסע מענשען, שרייבער און קינסטלער, וואָס די סביבה זייערע האָט אויף זיי געדריקט. די מענשען האָבען זיי ניט פאַרשטאַ־נען. וועגען זיך אַליין האָט סאָני גע־זאָגט, אַז עס איז ניט אין זיין נאַטור צו לאָזען זיך איינשפּאַנען און טאָן זאַכען וואָס מען הייסט אים. און ניט וואָס ער אַליין וויל. און רעדענדיג אַזוי האָט ער אויסגעזעהן זעהר געהויבען.

סאָני, ריידענדיג אַזוי, האָט זיך גע־ווענדעט מער צו עלינאָר'ן ווי צו איבּי'ן. און עלינאָר איז געזעסען אויף דער באַנק שטאַרק פאַראינטע־רעסירט, מיט ברייט־צעעפענטע אויגען. זי האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגען פון סאָני'ס ריידען. אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען אַזוי ניי און אינ־טערעסאַנט. זי איז געווען מיט אים. ווער קען אים נאָך אַזוי פאַרשטיין ווי זי. אין איר אַליין האָט אויך געלעבט אַן אומרוה און זי איז אויך געווען אומצופרידען מיט'ן לעבען, מיט דער וועלט. אַ מין פאַרמעסטען זיך מיט אומגעזעהענע כּוחות. און זי האָט גע־זעהן אין אים אַ גרויסע פערזענליכ־קייט, וואָס קען זיך ניט אַריינפּאַסען אין געוויינליכען, טאָג־טעגליכען לעבען.

אַז איבּ האָט אויך געוואָלט אַריינ־וואַרפען אַ וואָרט, איז סאָני געווען מיט איבּ אומגעדולדיג, און זיינע באַווע־גונגען זיינען געווען האַסטיגע, נער־וועזע. איבּ האָט אים היינט גע־שטערט. ער האָט גאָר געהאַט היינט אין זינען צו פאַרברענגען אַ פּאָר שעה מיט עלינאָר'ן אין אַ געמיטליכער שטימונג. עלינאָר אַליין איז איצט אויך געווען אין כּעס אויף איבּי'ן, פאַרוואָס ער איז אַזוי באַגרעניצט, ער איז „ראַל", לאַנגווייליג, און זיין אויפן פון אַרויסזאָגען אַ געדאַנק איז שווער און לאַנגזאַם. און סאָני איז אַזוי קאַלירפול און פאַרשידענאַרטיג, און זיין גאַנצע פּערזאָן איז פאַרכאַפּענדיג אינטערעסאַנט.

און ביי איבּי'ן אין קאָפּ איז איצט געווען אַ כאַאָס, אַ מיש־מאַש. סאָני האָט דאָ אָנגעוואָרפען אַ סך געדאַנקען וואָס האָבען קיין שייכות ניט איינס צום אַנדערן; און איבּי'ן האָט זיך געגלוסט אַריינברענגען אַן אָרדנונג אין די אַלע פראַגען וואָס ער האָט באַרירט און האַלטען זיך צום פּונקט. פון וואַנען זיי האָבען זיך אָנגעהויבען. נאָר ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז סאָני וועט אפשר ווידער וועלען אים אַראָפּזעצען און אים פאַרשרייען. האָט ער שוין געשוויגען שטיל. אַלע רייד האָבען זיך ביי אים אויסגענומען אינ־גאַנצען און איבּ האָט נאָר פאַר זיך אונטערגעברומט אַ ניגון'דעל.

עס איז שוין געווען שפּעט אין פאַרנאַכט. און ביידע בחורים זיינען נאָך ניט אַוועק. עס האָט אויסגעזעהן ווי יעדערער פון זיי האָט געוואָלט איצט פאַרבלייבען מיט עלינאָר'ן אַליין; און עס איז אַזוי ווי געווען צווישען זיי אַ פאַרוועט, ווער וועמען וועט קענען איבּערוואַרטען. און קיין איינער פון זיי איז ניט אַוועק. איבּ האָט אויך געקענט זיין איינגעשפּאַרט, ווייזט אויס, און ער איז געבליבען אויפ'ן אָרט. עלינאָר'ן איז אַזש געוואָרען אומבאַקוועם. און צו מאַכען אַ סוף פון דער אומאַנגענעמער לאַגע, האָט זי זיך אַליין אויפגעהויבען פון אָרט.

— נו, איך מוז שוין גיין אַהיים...

איצט האָבען ביידע בחורים מיט אַמאָל זיך אָפּגעזעגענט מיט עלינאָר'ן און זיינען אַוועק.

— וואַרט־צו, איבּ — האָט זי אים אַ רוף געטאָן — איך גיי אויך מיט דיר.

גייען זיי ביידע אַהיים, איבּ און עלינאָר. פאַרוואָס האָט זי אים גע־הייסען וואַרטען אויף איר? פיהלט זי זיך שולדיג אַנטקעגען איבּי'ן? וואָס איז ער דען צו איר? נאָר אַזוי, אַ פריינט. דאָך וויל זי ניט ער זאָל טראָגען אויף איר אַ כּעס. זיינען זיי געגאַנגען איצט אויפ'ן וועג אַהיים, ביידע שווייגענדיגע אַ לאַנגע ווייל׳ע.

איבּ איז געווען זעהר צוטראָגען. ער האָט געפיהלט ווי עלינאָר דערווייטערט זיך פון אים וואָס ווייטער אַלץ מער. און דער שולדיגער איז דאָ סאָני. עס איז מאַרנע. קיינמאָל האָט ער ניט געהאַט אַזאַ ביטערען געפיהל צו אַ מענשען, ווי ער פיהלט איצט צו סאָני'ן. ער האָט אַזוי ניט געפיהלט צו לאַרי'ן, ווען עלינאָר האָט זיך אין אים פאַרליבּט. אַוודאי האָט ער דע־מאָלט געליטען וואָס זי האָט ליב אַן אַנדער באַי און ניט אים. נאָר ער האָט ניט פאַרדעכטיגט קיין שום שלעכטס. ער האָט געוואוסט, לאַרי איז אַן ערנסטער מענש, אַ פאַראַנט־וואָרטליכער, און עלינאָר'ן וואָלט זיך לעבען גוט פאַר אים. און ער, איבּ, האָט דאָך נאָר געוואונשען איר גוטס...

(ווייטערס מאָרגען)

# מאַקס גאַביל דערצעהלט

(שלום פון פעידוש 2)

בילדינג. אין פאַרלויף פון דעם סעזאָן וואָס איך האָב געשפּילט ביי ביימאָוויטש'ן איז זיין לים אויסגע־גאַנגען און דער לענדלאָרד האָט גע־וואָלט אַ רעיז אויפ'ן טעאַטער פון 3,000 דאָלער אַ יאָר. ביימאָוויטש, וועלכער איז געווען זייער אַ טיכטיגער געשעפטסמאַן און אַ קלוגער, אָבער אויך זייער איינגעהאַלטען ווען עס איז געקומען צום אויסגעבען געלט, האָט זיך גע'חכמה'ט און געוואָרט, מיט דער אויסרעכענונג, אַז דער לענדלאָרד וועט נישט האָבען וועמען אָוועקצוגעבען דאָס טעאַטער, וועט ער זיין צופרידען צו געבען ביימאָוויטש'ן אַ נייעם לים אויף די אַלטע באַדינגונגען. דאָס מאָל האָט ביימאָוויטש אָבער געמאַכט אַ גרויסען טעות. מיין פריינט, דער טעאַטער־לאַיער טשאַרלי ווייגבלאַט, וואָס האָט געהאַט פון מיר אַן אָרדער צו דערוויסען זיך וואו מען קאָן עפּעס קריגען אַ פּאַסיג טעאַטער פאַר מיר, האָט זיך דערוואוסט וועגען דער גאַנ־צער געשיכטע. נו, וואָס קלערט איר? ער האָט לאַנג נישט געוואָרט, איז אַוועק צום לענדלאָרד, האָט אים גע־געבען דעם געפאָדערטען רעיז און גע־קראָגען אַ לים אויף 5 יאָר צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב גערן מסכים געווען צו דעם געשעפט און אַזוי בין איך צום ערשטען מאָל גע־וואָרען אַ זעלבּסטשטענדיגער מע־נעדזשער אין ניו יאָרק מיט אַ לים אויף 5 יאָר צייט.

איך האָב געפיהלט, אַז איצט הויבּט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע אין מיין לעבען, אַז עס הערען אויף די וואַנדערונגען און דאָס לויפען פון איין טעאַטער אין אַן אַנדערען, נאָר אַז איך ווער אַ תּושב פון ניו יאָרק און אַז איך הייב אָן אַ ניי קאַפּיטעל, אפשר דאָס סאַמע וויכטיגסטע, צו וועלכען איך דאַרף זיך שטאַרק צוגרייטען.

דאָס איז נאָך אַלץ געווען די צייט ווען די סטאַרס אויף דער אידישער בינע זיינען געווען אַדלער, קעסלער און טאָמאַשעווסקי און דער טעאַטער־עולם איז געווען פּאַטריאַטיש גע־שטימט און האָט אַזוי לייכט נישט פאַרלאָזט זיינע „געטער".

איך האָב געוואוסט, אַז איך גיי אַריין אין אַ שווערען קאַמף זיך אויס־צוקעמפען אַ זעלבּסטשטענדיגע פּאָ־זיציע אויף דער אידישער טעאַטער־גאַס, אָבער יונג בין איך געווען, פול מיט מוט, מיט גלויבען, און מיט אַ שטיקעל פּראַקטיק, וואָס האָט מיר גע־וויזען, אַז איך האָב דערפיהלט דעם פּולס פון דעם אידישען טעאַטער־באַזוכער און איך האָב זיך מיט אַ פייער אַריינגעוואָרפען אין קאַמף צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט פון אידישען טעאַטער, און איך האָב דעם קאַמף געוואונען.

נאַטירליך, איז די הויפּט־סביבה אין וועלכער איך האָב פאַרבּראַכט געווען צווישען שוישפּילער, אָבער איך האָב אויך פאַרבּראַכט אין אַנדערע קרייזען, באַזונדערס צווישען שרייבער און צייטונגס־מענשען, און די נאָענטסטע גרופּע מיט וועלכער איך און דזשעני האָבען זייער אָפט און גוט פאַרבּראַכט צוזאַמען זיינען געווען די צייטונגס־לייט יעקב פישמאַן, ישראל דער יענקי (פרידמאַן) און יצחק גאָניקמאַן. דער סאַמע נאָענטסטער פון די דריי איז מיר געווען יעקב פישמאַן, דער שפּע־טער באַקאַנטער ציוניסטישער פירער אין אַמעריקע און פריער מיטאַרבּיי־טער און דערנאָך רעדאַקטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל". אָבער צו יענער צייט איז ער נאָך געווען אַ מיטאַרבּיי־טער אין „אידישעס טאַגעבּלאַט".

איינמאָל, אין אַן אינטימען שמועס מיט פישמאַנ'ען, האָב איך זיך פאַר אים פאַרטרויט, אַז איך האָב שטאַרק חשק צו ווערען זעלבּסטשטענדיג און אַז איך זוך אַ פּאַסיג טעאַטער פאַר מיר. דאַרויף האָט מיר פישמאַן גע־זאָגט, אַז אויב איך וועל קריגען אַזאַ טעאַטער, איז ער גרייט געהן צוזאַמען מיט מיר אין שותּפות.

געדענקענדיג גוט דעם וואונש פון פישמאַנ'ען אַריינצוגיין אין די טעאַ־טער־ביזנעס, איז באַלד ווי איך בין געגאַנגען נעמען דאָס „ליפּצין"־טעאַטער, בין איך אַוועק צו אים און אים געזאָגט:

— פישמאַן, איך גיי נעמען דאָס ליפּצין טעאַטער און איצט האָט איר אַ שאַנס אַריינצוגיין מיט מיר אַלס פּאַרטנער.

— וואָס? — האָט פישמאַן גע־ענטפערט — אין אַ טעאַטער וואו מינץ האָט זיך דערשאָסען, ווייל ער האָט געמאַכט שלעכטע ביזנעס, וואו קעני ליפּצין האָט נישט געמאַכט קיין ביזנעס?! ניין, נישט נאָר וועל איך דאָרט נישט אַריינלייגען קיין סענט, נאָר איך וואָרן אייך אויך, אַלס גוטער פריינט, אַז איר זאָלט זיך ניט, ווי מען זאָגט, אַריינלייגען מיט אַ געזונ־טען קאָפּ אין אַ קראַנק בעט. געדענקט, אַז איר וועט דאָרט האָבען אַ ביטערען סוף.

און פישמאַן איז נישט געווען דער איינציגער וואָס האָט מיך געוואָרענט, אַז איך באַגיי אַ זעלבּסטמאָרד מיט איבּערנעמען דאָס „ליפּצין"־טעאַטער. אויף טריט און שריט האָט מען דאָס געקאָנט הערען אין די טעאַטער־קרייזען.

אַבּיסעל שפּעטער האָט מיר מיין פריינט, דער אַקטיאָר פּיטער גראַף, דערציילט, אַז ווען טאָמאַשעווסקי האָט דערהערט, אַז איך האָב גענומען אַ לים אויף 5 יאָר אין ליפּצין טעאַטער, האָט ער מיך שטאַרק באַדויערט:

— אַ גרויסער שאָד אַט דער יונ־גערמאַן, דער גאַביל — האָט ער געזאָגט אויף זיין שטייגער — ער איז אַ פעהיגער מענש, אָבער ער וועט לאַנג נישט קאָנען אַנגיין אין דעם טעאַטער. ווי נעמט ער זיך אונטער צו קאָנקורי־רען געגען אונז?!

אַנדערע אַקטיאָרען, ווען זיי האָבען דערהערט, אַז איך נעם איבּער דעם ליפּצין טעאַטער, האָבען מיך אָנגע־קוקט ווי משוגע.

— וואָס! — האָבען זיי געזאָגט — געגען אַזעלכע לייבען און בערען ווי קעסלער, אַדלער און טאָמאַשעווסקי גייט איר קאָנקורירען?! זיי וועלען דאָך אייך צערייבען אויף פּיצלעך. אַ שאָד יעדער סענט וואָס איר לייגט אַריין אין טעאַטער.

אָבער וואָס מער איך האָב געהערט אַט די מיינונגען, אַלץ גרעסער איז גע־וואַקסען מיין אַמביציע דווקא צו ווייזען וואָס איך בין יאָ איכשטאַנד אויפצוטאָן, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך גיי אַריין אין אַ שלאַכט, ווי אין זיין צייט דוד געגען גלית'ן.

(די געשיכטע מיט מיין נייער פּיעסע „ריינער געוויסען" אין קומענדיגען קאַפּיטעל).

# אַ וויכטיגע נייעס פאַר יעדער אידישע באַלעבאָסטע

עס איז באמת אַ פאַרגעניגען צו באַריכ־טען, אַז אַ פּראָדוקט, וועלכער איז שוין גע־וואָרען אַ הויז־וואָרט אין אידישע היימען איבּער גאַנץ אַמעריקע, איז איצט אַזוי פאַר־בעסערט געוואָרען, אַז ער וועט ממש אויפ־טאָן וואונדער פאַר אייך. דער דאָזיגער פּראָ־דוקט איז דער באַרימטער כּשר און פּאַרעווע ריינינער באַב־אָ. די פּראָדוצירער פון באַב־אָ האָבען איצט צוגעגעבען אַ דיטוירדזשענט צו דעם כּשר און פּאַרעווע באַב־אָ ריינינער און ער טוט איצט די שטויגענדע ריינינגונגס־אַר־בּיים אַ סך שנעלער, גרינגער, באַקוועמער און גרינגליכער.

אין דעם נייעם 1950 כּשר און פּאַרעווע באַב־אָ איז איצט אַריינגעטאָן אַ דיטוירי־דזשענט, וועלכער שווענקט אַוועק שמוץ און צעלאָזט פעטס נאָך בעסער ווי ביז איצט. דיטוירדזשענטס וועלכע ווערען געברויכט פאַר וואַשען וועש און קליידער ווייכער און ריינער, וועט איצט אויך מאַכען אייערע סינקס, טעפּ, פּאַנען און באַטרום ציכטיגער און ריינער מיט אַ סך ווייניגער מיה, אַר־בּייט און צייט.

אויב איר האָט נאָך ביז איצט ניט גע־ברויכט כּשר און פּאַרעווע באַב־אָ, ראָטען מיר אייך צו קריגען אַ קען היינט פון אייער גראָ־סער. ביים ערשטען ריינינגען פון אייערע טעפּ און אייער הויז־אַרבּייט, וועט איר ערשטוינט ווערען ווי וואונדערבּאַר דער נייער באַב־אָ מיט דער „שווענקט־אַוועק" ווירקונג וועט טאָן די אַרבּייט פאַר אייך. איר וועט עס קוים גלויבען און וועט זיך וואונדערען פאַרוואָס איר האָט ער נאָך ביז היינט ניט גענוצט. און די באַלעבאָסטעס וועלכע ווייסען שוין ווי וואונדערבּאַר באַב־אָ איז ביז איצט געווען, וועלען זיינע לויב־געזאַנגען פאַר דעם נייעם באַב־אָ. קריגט היינט און נוצט נאָך היינט דעם פעטס־צעלאָזענדען שמוץ אַוועקשווענקענ־דען כּשר און פּאַרעווע באַב־אָ, און איבּער־צייגט זיך, אַז קיין בעסערע כּשר און פּאַרע־ווע ריינינער פאַר אייער היים איז ניט צו געפינען!

*)
























# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אבער איצט, מיט סאני׳ן, איז אים דאס הארץ שווער געווען. דער יונג איז אים ניט געפעלען באלד פון דער ערשטער מינוט וואס ער האט אים דערקענט. זיין פוסטער גלאנץ, זיין שיין ריידען. ס׳איז גארניט ווערט. אז אלץ לייקענט ער אפ און מאכט צונישט. און עלינאר׳ן איז ער געפע־לען. זי איז באגייסטערט פאר אים. זי איז ניט די זעלבע וואס געווען. אזוי אויפגעלעבט, אזוי צושיינט. און אייב פרעגט זיך אליין א פראגע: צי דארף ער נישט זיין צופרידען מיט דעם וואס עלינאר איז שוין מער ניט פאראומערט און פארטרויערט, ווי אין די ערשטע צייטען נאך דעם רים מיט לארי׳ן? יע, ער וואלט באדארפט זיין צופרידען. נאר ער דערפיהלט עפעס שלעכטס אין דעם. סאני איז איר ניט ווערט. ניט פאר זיך איז ער איצט באזארגט, אייב, נאר פאר איר. ער איז צו־קלוג, דער סאני, און ער נעמט איר מיט זיינע קלינגענדיגע רייד.

אייב פיהלט ער דארף זיין אויף דער וואך. ער מוז זי באשיצען, עלינאר׳ן. זאל זיך דוכטען ער איז אירער א ברודער. ער פיהלט א גרוים אחריות פאר איר. ווען קען ער איר דאס ווארענען, דערציילען איר פון זיינע פארדאכטען. און עס ווילט זיך אים איצט זאגען איר: „העך זיך ניט צו צו אים, עלינאר. ער וועט צוברעכען דיין הארץ. ער זעהט אוים צו זיין אזא סארט מענש, וואס מען קען אים ניט גלויבען..."

נאר ער זאגט גארניט, אייב. און ער גייט ביי איר זיים א שווייגענדי־גער. עלינאר׳ן איז אויך שווער; נאך ערגער ווי פאר איר מאמען איז איר צו ריידען מיט אייבי׳ן וועגען סאני׳ן. זי האט מורא אייב זאל ניט נעמען איר פארווארפען אין עפעס. באשול־דיגען איר אז זי טוט ניט גוט.

— וואס שווייגסטו, אייב? סאמ־טהינג אן יור מאינד? (האסט עפעס אויפ׳ן געדאנק?) — וויל זי אים ארויסרופען אויף רייד.

— אה, וועל — רופט זיך אפ אייב. זאל ער איר זאגען ווי שווער אים איז איצט? ער דארף צוזעהן ווי זי גלימשט זיך פון אים אוועק. אז אנדער באי האט פארכאפט איר הארץ, אזא וואס איז איר ניט ווערט. אזוי פיל יארען ווי ער, אייב, האט זי ליב, און קיינמאל האט ער ניט געוואגט צו געבען איר אפילו אנצוהערעניש פון זיין געפיהל. ער האט זיך געשראקען אז ער וועט מיט דעם זי נאך מער אפשטויסען פון זיך. און דא קומט א פרעכער יונג... זיין שמאלץ האט שטארק געליטען און די אייפערזוכט האט אים גענריזשעט דאס הארץ און ער האט געמוזט איצט שווייגען שטיל.

— איך בין איצט אזוי פארנומען... — האט עלינאר געזאגט — אבי נאר פון עפעס צו ריידען.

— יע, איך ווייס — האט אייב זיך אפגערופען.

— וואס ווייסטו? — האט זי זיך א כאפ געטאן און געפיהלט ווי א רויטקייט פארציט זיך איבער איר פנים. זי האט שוין געוואלט ווערען אין כעס. נאר אייב האט זיך אפגע־רופען:

— איך ווייס. ס׳זיינען די לעצטע טעג פון סקול, די עקזאמענס. ביי מיר אויך...

ווידער האבען זיי ניט געהאט פון וואס צו ריידען. זיי זיינען שוין גע־שטאנען לעבען איר שטוב. עלינאר האט געהאלטען איר קאפ אראפגעלא־זען און איינציגווייז האט זי באקוקט די נעגעל פון אירע פינגער. ביים זעגענען זיך האט זי אים א פרעג גע־טאן:

— קום צוגיין, אייבי. פארוואס זעהט מען דיך קיינמאל ניט?

אייב האט אויף איר א קוק געטאן. אין זיינע עהרליכע אויגען האט זי ווי ארויסגעלייענט וואס ער פיהלט איצט. עס איז געווען ווי ער וואלט זאגען: „דו טוסט ניט גוט, עלינאר. אזוי דארף מען ניט באהאנדלען א פריינט".

— איך בין געווען ביי דיר נעכטען. אז דו ביסט קיינמאל ניטא אין שטוב! — האט זיך ביי אים ארויסגעריסען.

עלינאר האט זיך אין דעם אנגעכאפט:

— וואס ווילסטו פון מיר, אייב! דיך ארט אז איך האב אביסעל פאר־געניגען?

איר הארציגע שטימע האט אים שטארק גערירט. ער האט זיך אפגע־רופען:

— איך וויל גארניט, עלינאר. ווי קום איך דיר פונאנדערזאגען...

### קאפיטעל נײן־און־דרײסיג

טעג זיינען אוועק ווי אין חלום. ביי עלינאר׳ן איז דאס הארץ געווען איבערפילט מיט פרייד. א סך וואונ־דערליכע מינוטען האט זי דורכגע־לעבט אינאיינעם מיט סאני׳ן. א סך מאל האט זי שוין זיך אליין געפרעגט: איז זי אין סאני׳ן פארליבט? זי האט דאס ווארט „ליבע" מער ניט געוואלט באנוצען. עס איז א פאררע־טעריש ווארט, וואס רופט ביי איר ארויס שלעכטע ערינערונגען, וואס עס טוט וויי. דאס וואס זי האט איצט געפיהלט זייענדיג מיט סאני׳ן איז געווען אזא סארט שיכרות; א שטאר־קע לוסט צום לעבען, וואס עס ציהט איר אלץ מער צו געניסען און אז אירע פארגעניגענס זאלען אנהאלטען נאך לאנג און קיינמאל זיך ניט אי־בעררייסען.

עלינאר׳ן האט זיך געדאכט, אז קיינמאל וועט זי שוין ניט ליב האבען מיט אן אמת, נאך לארי׳ן. דאס וואס עס איז צווישען איר און לארי׳ן פאר־געקומען איז געווען נאר ווי א בייזער קאשמאר, און נאך אמאל וועט אזוינס קיינמאל מער ניט פאסירען. ער איז פארשוואונדען פון איר לעבען אויף אלעמאל און דאס איז געווען גוט.

נייע צייטען האבען זיך איצט פאר איר אנגעהויבען. אין די קורצע פאר מאנאטען וואס זי האט סאני׳ן דער־קענט האט זי פון אזוי פיל זאכען זיך דערוואוסט — מערער ווי אין די אלע יארען וואס זי האט אפגעלעבט ביז איצט. און איר האט זיך געדאכט ווי זי איז איצט א סך געניטער און קלי־גער, און זי זעהט גאר אנדערש זאכען. זי פארשטייט זיך איצט מערער אויף מענשען. סאני האט אמאל אין א שמועס מיט איר געזאגט, אז ער ער־ווארט ניט קיין צופיל גוטס פון מענ־שען, און דערפאר ווערט ער קיינמאל אין זיי ניט אנטוישט. יע, סאני איז קלוג. ער זאגט אפט ארוים אזעלכע טיפע געדאנקען. און ער וואקסט אוים הויך ביי איר אין די אויגען.

איינמאל טראכטענדיג אזוי פון אים איז איר איינגעפאלען: ״ווער איז אייגענטליך סאני? זי קען דאך נאך אים אזוי ווייניג. וואס פאר א סארט לעבען פירט ער? נאר באלד האט זי מיט א גרינגען געמיט זיך אליין אפגעענטפערט: „וועמען ארט עס?" זאל זיין, אז סאני איז אן אויסגעטראכ־טער העלד פון א מעשה׳לע, א לעגענ־דע, וואס מען לייענט אמאל אין א בוך. ער איז ניט רעאל. ער איז געבוירען פון אירע פאנטאזיעס און חלומות. סאני איז גרייט פאר איר אלץ צו טאן. און ניטא אזא זאך, אז ער זאל פאר איר ניט קריגען, אז זי זאל דאס נאר פארלאנגען. סאני איז רייך. ער ווארפט זיך מיט געלט, און אומעטום האט ער צוטריט.

— מאי אלר מען איז ריטש (מיין טאטע איז רייך) — בארימט זיך פאר איר סאני. ער איז אין ביזנעס, זיין טאטע, און זיין זוהן קריגט פון אים געלט וויפיל נאר ער וויל. וואס פאר א סאהט טאטע־מאמע זיינען זיי? סאני רעדט וועגען זיי ווייניג. און זי, עלינאר, פרעגט ניט ביי אים וועגען זיי. וואס גייט דאס איר אן צו ווי־סען? סאני איז ניט א מענש פון גאס. ער איז פון מארטא׳ס משפחה. און סידני גרינפעלד איז זיין קאזין. איז דאס ניט גענוג פאר איר?

(ווייטערעס מארגען)

# דער גלענצענדער רעקארד מיט וועלכען די אינטערנעשאנאל קומט צו איר קאנווענשאן

(שלוס פון פעידזש 2)

א. פ. און ל. און אויף אנדערע יוניאנס, אז זיי זאלען ווערען מער אקטיוו פא־ליטיש און טאקע א דאנק דער אינ־טערנעשאנאל, קען מען זאגען, איז די לעיבאר ליג פאר פאליטיקעל עדיו־קעישאן געגרינדעט געווארען. די לעי־באר ליג האט געשפילט א גרויסע ראלע אין דעם 1948 פרעזידענט קאמפעין און אין טרומאנ׳ס ערוויילונג, און די אינטערנעשאנאל האט צו דעם א גרוי־סען חלק ביינעטראגען. זי האט דורך פרייוויליגע ביישטייערונגען פון די מיטגלידער געגעבען 275 טויזענט דא־לאר פאר׳ן קאמפעין.

דער איינפלוס פון דער אינטערנע־שאנאל האט זיך נאך מער אנגעזעהן אין דער ערוויילונג פון דעם יונגען רוזוועלט צום קאנגרעס און זי האט גע־שפילט א גאר באדייטענדע ראלע אין דעם קאמפעין פאר׳ן קאנדידאט פון דער ליבעראלער פארטיי אין די לעצטע מעיאר־וואלען אין ניו יארק און אין דער ערוועהלונג פון הערבערט לעהמאן צום סענאט.

ס׳איז ראבט זיך איבעריג צו איבער־געבען וועגען דער טעטיגקייט פון דער אינטערנעשאנאל אויפ׳ן פעלד פון דער ארבייטער באוועגונג, סאי נאציאנאל און סאי אינטערנאציאנאל, און אויפ׳ן פעלד פון אלגעמיינעם געזעלשאפטלי־כען און אידישען לעבען. אלע ווייסען איר שיינעם נאמען און איר גרוי־סען איינפלוס סאי אין דער ארבייטער באוועגונג און סאי אין געזעלשאפט־ליכען לעבען. פינדעסטוועגען ווען מיר אנמערקען א פאר.

די אינטערנעשאנאל איז שטענדיג גלייך דא מיט איר הילף צו אנדערע יוניאנס ווען זיי זיינען אין אן עת צרה, אדער ווען זיי זיינען פארוויקעלט אין א קאמף. נאר לעצטענס, ווען די אטא־מאביל ארבייטער יוניאן, כאטש א סי. איי. א. יוניאן, איז געווען פארווי־קעלט אין דעם סטרייק געגען דער קראיסלער קאמפאני, האט די אינטער־נעשאנאל געשטיצט דעם סטרייק מיט 100 טויזענט דאלאר. עס איז איבע־ריג צו זאגען, אז די אינטערנעשאנאל האט זיך סאלידאריזירט מיט דער גאנ־צער ארבייטער באוועגונג אין דעם קאמף געגען טעפט־הארטלי געזעץ, און זינט דער געזעץ איז אנגענומען גע־ווארען געפינט זי זיך אין די פאדער־שטע רייען פון קאמף געגען דעם דא־זיגען שענדליכען געזעץ.

אויפ׳ן אינטערנאציאנאלען ארביי־טער געביט איז די אינטערנעשאנאל געווען איינע פון די איניציאטארען און פון די גרינדערס פון דער נייער, רעכ־טער אינטערנעשאנאל קאנפעדערעי־שאן און טרעיד־יוניאנס, וואס די א. פ. און ל. און די סי. איי. א. און די ענגלישע יוניאנס האבען געגרינדעט אויפ׳ן פלאץ פון דער קאמוניסטיש־קאנטראלירטער ווארלד פעדערעישאן און טרעיד־יוניאנס. דוד דובינסקי, פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, איז געווען איינער פון די א. פ. און ל. דעלעגאטען צום גרינדונגס־קאנגרעס פון דער אינטערנעשאנאל קאנפעדערעי־שאן, וואס איז פארגעקומען אין לאנ־דאן, און ער איז אויסגעקליבען געווא־רען אלס מיטגליד אין דעם דזשענעראל קאונסיל פון דער אינטערנעשאנאל קאנפעדערעישאן און טרעיד־יוניאנס.

די אינטערנעשאנאל האט אין די לעצטע דריי יאר, אזוי ווי פריער, א שטארקען אנטייל גענומען אין אלע פילאנטראפישע און פראגרעסיווע גע־זעלשאפטליכע טעטיגקייטען, סאי אמע־ריקאנער און סאי אידישע, און זי האט די דאזיגע טעטיגקייטען געשטיצט מיט דער גאר ברייטער האנט. אבער בא־זונדערס לויבענסווערט איז איר טעטיג־קייט פאר אידישער הילף, פאר מדינת ישראל און פאר אידישע קולטורעלע באוועגונגען און אינסטיטוציעס. זי און אירע לאקאלס האבען פון זייערע טרעזשורים און דורך ביישטייערונגען פון די אינדיווידועלע מעמבערס ממש געגעבען מיליאנען דאלארס פאר פאר־שידענע צוועקען פון אידישער הילף און פאר מדינת ישראל. די ניו יארק קלאוק דזשאינט באארד אליין האט אין די לעצטע פיר יאר געגעבען פאר הילפס־צוועקען די סומע פון 762 טוי־זענט דאלאר. זי האט מיט דער ברייטער און פולער האנט געשטיצט דעם יונאיטעד דזשואיש אפיל, דער הסתד־רות, דעם אידישען ארבייטער קאמי־טעט. די אינטערנעשאנאל לאקאלס האבען אדאפטירט 700 אידישע מלחמה־יתומים, פאר וועלכען זיי ביי־שטייערען 200 טויזענט דאלאר א יאר. זי שטיצט אויך די אידישע קולטור־ארגאניזאציעס, די אידישע פילאנטרא־פישע ארגאניזאציעס — און נאר־לעצטענס האט זי זיך ארייגעווארפען אין דער ארבייט צו שאפען מיליאנען דאלארס אין דעם צען מיליאן דא־לאר באנד־קאמפעין צו בויען הייזער אין ישראל. די אינטערנעשאנאל האט זיך אונטערגענומען צו שאפען ניט ווייניגער ווי דריי מיליאן דאלאר פאר דעם צוועק: פאר א מיליאן דאלאר האט זי געקויפט באנדס פון איר טרע־זשורי און פאר צוויי מיליאן דאלאר באנדס וועט זי שאפען צווישען די לאקאלס און די מעמבערס.

## איר בילדונגס טעטיגקייט און איר לעצטער אויפטו — די סקול פאר יוניאן באאמטע

די אינטערנעשאנאל ווייסט שוין פון לאנג, אז ניט אויף ברויט אליין לעבט דער מענש; אז זי דארף אויך פאר־זארגען די גייסטיגע אינטערעסען פון אירע מיטגלידער, און אז זי דארף אויך שטילען זייער גייסטיגען הונגער, אזוי גוט ווי זייער פיזישען הונגער. און שוין פון לאנג אז זי פירט אן א פארצווייגטע בילדונגס טעטיגקייט צווישען אירע מיטגלידער. לעצטענס האט זי אויך, אלס טייל פון איר ביל־דונגס טעטיגקייט, געגרינדעט דריי ראדיא סטעישאנס, איינעם אין ניו יארק, דעם FDR סטעישאן; א צווייטען אין טשאטאנוגא, טענעסי, און א דריטען אין לאס אנדזשעלעס. אבער איר לעצטער אויפטו איז איינער פון די וויכטיגסטע וואס א יוניאן האט אונ־טערנומען—דאס איז די טרעינינג סקול אויף אויסצובילדען יוניאן־פירער און באאמטע, וואס די אינטערנעשאנאל האט לעצטענס געעפענט. ניט אומ־זיסט באטראכט עס דובינסקי אלס דעם וויכטיגסטען אויפטו פון דער אינ־טערנעשאנאל אין די לעצטע דריי יאר.

די אינטערנעשאנאל האט שוין לאנג געפיהלט די נויטיגקייט אין אזא סקול. די אלטע באאמטע איז, אדער זיי שטארבען ביסלעכווייז אויס, אדער זיי ווערען אלט און זיי מוזען זיך צוריק־ציהען פון טעטיגקייט. פון וואנען צו נעמען נייע באאמטע האט זי ניט. פריער איז דער שאפ געווען א רעזער־וואואר פאר נייע באאמטע, און די מערסטע באאמטע זיינען טאקע געקו־מען פון שאפ. דער שאפ איז געווען זייער טרעינינג סקול. דער שאפ קען עס שוין מער ניט זיין, ווייל, ערשטענס, געהען ניט די קינדער פון קלאוק און דרעסמאכער אין די שעפער אין, און, צווייטענס, קען שוין מער דער שאפ ניט דינען אלס טרעינינג סקול פאר באאמטע, ווייל סאי דער מיטגלידער־עלעמענט און סאי דער כאראקטער פון דער יוניאן האט זיך לעצטענס שטארק געביטען און איז ניט וואס אמאל. דער נאדעל־טרעיד ארבייטער איז שוין ניט מער דער גרינער אימיגראנט, וועמעס שפראך איז געווען אידיש אדער איטא־ליעניש. די נייע מיטגלידער זיינען כמעט אלע אמעריקאנער געבארענע, וואס באזיצען א סקול בילדונג. אויך האט זיך געביטען דער באלעבאטים־עלעמענט. שוין ניט מער דער באלע־באס וואס איז אמאל אליין געווען א שאפ־ארבייטער. די מערסטע איצטיגע באלעבאטים זיינען קאלעדזש־גראדו־אירטע, וועלכע האבען שטודירט די אינדוסטריע, זיינען באהאווענט אין עקאנאמישע פראגען און אין סטאטיס־טיק. און אויב אפילו זיי אליין זיינען ניט קיין קאלעדזש־גראדואירטע, דינגען זיי גרויסע לאיערס און עקאנאמיסטען מיט דאקטאר פילאזאפיע טיטולען, וועלכע ריידען פאר זיי ביי יוניאן פאר־האנדלונגען. דער היינטיגער יוניאן באאמטער דארף דעריבער באנוצען אנ־דערע מעטאדען און אן אנדער שפראך. ער דארף אליין זיין א געשטודירטער, קענען גוט די אינדוסטריע און האבען א ידיעה אין עקאנאמישע פראגען און אין ציפערען, אום ער זאל קענען ריי־דען סאי צו די ארבייטער און סאי צו די באלעבאטים. און האבען אויף זיי א ווירקונג. אט דעריבער האט די אינטערנעשאנאל באשלאסען צו גרינ־דען א טרעינינג סקול — און די דא־זיגע סקול איז דעם היינטיגען ערשטען מאי ערעפענט געווארען.

די ערעפענונג פון דער טרעינינג־סקול פאר באאמטע איז אזא גרויסער אויפטו, אז די צוויי גרעסטע ענגלישע צייטונגען אין ניו יארק, די „טאימס" און די „העראלד־טריביון", האבען עס עדיטאריעל באגריסט און שטארק גע־לויבט דער אינטערנעשאנאל פאר איר אויפטו. אויך אין דעם איז די אינ־טערנעשאנאל, ווי אין א סך אנדערע זאכען פון יוניאן טעטיגקייט און יוניאן דערגרייכונגען, געווען א פיאנער.

קורץ, די אינטערנעשאנאל קומט צו איר האי־יאריגער קאנווענשאן מיט א רעקארד פון אויפטואונגען און דער־גרייכונגען, מיט וועלכען זי קען ווירק־ליך שטאלצירען.

## דובינסקי איז שוין 21 יאר ביים רודער; פראגען וואס די קאנ־ווענשאן וועט פארהאנדלען

די אינטערנעשאנאל האט אין דעם פארלויף פון די 50 יאר פון איר עק־זיסטענץ געהאט פארשידענע פירער, וועלכע האבען זי געבויט און געשטאל־טעט. צו דערמאנען אזעלכע באוואוס־טע ארבייטער־פירער, ווי דזשאן דייטש, בענדזשאמין שלעזינגער, מא־רים זיגמאן, ראזענבערג און אנדערע; אבער דער פירער, וואס האט דעם שטארקסטען שטעמפעל אויף איר גע־לייגט, וועלכע האט איר דורך די שטור־רעמדיגסטע וואסערען דורכגעפירט און זי געבראכט צו א געזיכערטען ברעג און צו איר איצטיגער גלאריע, איז דייוויד דובינסקי, וועלכער שטייט שוין 21 יאר ביים רודער פון דער אינטערנעשאנאל־שיף. פריער איניגע יאר אלס עק־טינג פרעזידענט, און פאר די לעצטע אכצען יאר אלס פרעזידענט און דזשע־נעראל סעקרעטער־טרעזשורער פון דער יוניאן.

איבערנעמענדיג די יוניאן פירער־שאפט, אין דער צייט פון דער הויפטער דעפרעסיע, און נאכ׳ן פאגראם וואס די קאמוניסטען האבען אויף דער אינ־טערנעשאנאל געמאכט, האט ער גע־טראפען די יוניאן בוכשטעבליך א סקעלעט. איר מיטגלידערשאפט איז געווען ניט מער ווי 40 טויזענט, און איר טרעזשורי איז געווען אזוי ליידיג, אז זי האט אפילו ניט געהאט מיט וואס צו באצאלען איר טעלעפאן־ביל און זי איז נאך געווען פארשולדיגט איבער א מיליאן דאלאר. דאס איז געווען א ירושה פון דעם קלאוקמאכער סטרייק אין 1926, וואס די קאמוניסטען האבען געפירט און אין וועלכען זיי האבען צע־טרענצעלט איבער דריי מיליאן דאלאר. איצט האט די אינטערנעשאנאל א מיטגלידערשאפט פון איבער 425 טויזענט. זי פארמאגט אין אלע אירע פאנדען ארום 80 מיליא. דאלאר. אין דעם העלט, טויטען־בענעפיט און אין קלאוק און דרעס ריטאירמענט פאנד אליין האט זי די סומע פון איבער 73 מיליאן דאלאר. זי האט אויסגע־קעמפטע ארבייטס־באדינגונגען, וואס זיינען די בעסטע אין וועלכען עס איז פאך אין לאנד. זי האט אויסגעקעמפט פאר אירע מיטגלידער סאשעל סעקיור־ריטי בענעפיטס, וואס ניט קיין סך ארבייטער אין לאנד האבען עס. זי האט מאכט און איינפלוס אין דער אינ־דוסטריע און אין דער געזעלשאפט בכלל, און זי איז איינע פון די שטארק־סטע, איינפלוסרייכסטע, אנגעזעהענ־סטע און אם מערסטען געשעצטע יוניאנס אין לאנד.

און דאס אלץ האט די אינטערנע־שאנאל דערגרייכט אונטער דער פי־רערשאפט פון דעם דינאמישען דייוויד דובינסקי, א דאנק זיין ענערגיע, זיין פעהיגקייט און זיין איבערגעבענהייט צו דער יוניאן און צו די אינטערעסען פון די ארבייטער. דער 50־יאריגער יום־טוב פון דער אינטערנעשאנאל, וואס וועט געפייערט ווערען ביי דער קאנווענשאן, וועט אויך זיין א פער־זענליכער טריאומף פאר איר איצטי־גען הויפט־פירער, דייוויד דובינסקי.

וואס אנבאלאנגט די פראגען, וואס די קאנווענשאן וועט פארהאנדלען, איז אויסער די אלגעמיינע עקאנאמישע און פאליטישע פראגען, נאציאנאלע און אינטערנאציאנאלע, וועגען וואס זי וועט זיכער אננעמען באשלוסען אין גייסט און אין איינקלאנג מיט די פרינ־ציפען און פאליסים פון דער פרייער, דעמאקראטישער טרעיד־יוניאן באווע־גונג, וועט די קאנווענשאן אויך פאר־האנדלען, ווי דובינסקי האט מיר ער־קלערט, די פאלגענדע ספעציעלע פראגען:

1) צו פארגרעסערן דעם טויטען־בענעפיט פון די פארשטארבענע מעמ־בערס; 2) אויסצוברייטערן און אויסבעסערן די וועלפעיר בענעפיטס, דערהויפט דעם ריטאירמענט בענעפיט צו געגענטען וואו די פרויען־קליידער ארבייטער האבען עס נאך ניט, ווי אויך אנצונעמען מיטלען אויף צו פאר־שטארקען און פארזיכערן די עקזיס־טירענדע ריטאירמענט פאנדען; 3) פלענער צו פארשטארקען די ארגאני־זאציאנס־ארבייט, אום צו ארגאניזירען דעם טרעיד הונדערט פראצענט איבערן גאנצען לאנד, אין יעדען ווינקעל וואו די באלעבאטים זאלען ניט אנטלויפען, און 4) די לאס אנדזשעלעס סיטואציע וואו די קאמוניסטען איז געלונגען זיך ארייינצוכאפען אין דער יוניאן און אנ־טאן צרות.

צוליב דעם אלעמען ערווארט מען אז די האי־יאריגע, גאלדענער יובילעי קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל זאל זיין איינע פון די וויכטיגסטע, באדייטענדסטע, לעבעדיגסטע, פייער־ליכסטע און ערפאלגרייכסטע אין דער געשיכטע פון אט דער שיינער יוניאן פון פרויען־קליידער ארבייטער.

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס"
— פון
ראָוז שושנה

(פארטזעצונג)

## דער ערשטער שמייכל צו א „פרעמדער באבע'ן

דער ווינטער האט שוין אנגעהויבען אפטרעטען זיין פלאץ פאר דעם פריי־לינג. לויט'ן קאלענדאר האט שוין געדארפט זיין פרילינג, אבער אין אמעריקע איז נישטא קיין פרילינג; אדער עס איז זעהר קאלט, אדער זעהר ווארים; אדער מען מוז אנטאן א ווארימען מאנטעל, אדער אפילו דאס בלויזע רעקעל איז שוין צופיל.

חנה גרינפעלד איז נאך אלץ געלע־גען אין האספיטאל, ווייל דער דאק־טאר האט איר נאך נישט ערלויבט אהיימצוגיין. דזשעיקאב האט נישט געזשאלעוועט קיין געלט. דערפאר איז חנה אלץ געווען אונטער דער אויפזיכט פון דאקטוירים.

דזשעיקאב פלעגט כסדר זאגען צו סעמ'ען, מיט וועלכען ער האט זיך איצט א סך נעענטער דערקענט, ווייל ער האט דאך שוין געארבייט ביי אים אין אפיס:

„זאל דיין מאמע זיין לענגער אין האספיטאל. דארט האט זי דאך מע־דיצינישע הילף. די נוירסעס היטען זי דאך אפ ווי אן אויג אין קאפ. איך ווער נישט מיד צאלענדיג די „בילס", פארוואס ווערסטו מיד? זאל זי זיך אויסקורירען אין גאנצען, דעמאלט וועט לען מיר זי אהיים נעמען."

סעם איז געווען זעהר דאנקבאר זיין שווער פאר דעם אלעם וואס ער האט געטאן פאר אים און פאר זיין מוטער. אבער די ארימע חנה האט דאך גע־בענקט, געוואלט זעהן איר אייניקעל. יעדען טאג פלעגט זי פרעגען:

— זוהן מיינער, ווען וועט שוין דאינע'לע קומען צו מיר מיט מיין ליב מנחם'לען?

פאר חנה'ן איז דער נאמען מנחם, איר מאנ'ס נאמען, געווען באזונדערס טייער. דערפאר אליין האט זי שוין זעהר געליבט איר אייניקעל און נאך מער ליב געקראגען איר שנור, וואס זי האט גלייך באשטאנען, אז מען זאל איר קינד אנרופען מיט דעם נא־מען, וואס איז פאר איר געווען הייליג.

סעם האט אלץ בארואיגט זיין מו־טער'ס בענקעניש דערמיט וואס ער האט כסדר געזאגט, אז ווען עס וועט נאר ווערען אביסעל ווארימער וועט דאינע קומען צו איר מיט איר איי־ניקעל. עס איז דאך ווייט. עס דויערט דאך גאנצע צוויי שעה דאס בלויזע פארען אהין און צוריק, און מען קאן נאך נישט דאס פיצעלע קינד ארויס־נעמען אויף אזא לאנגער צייט פון שטוב.

חנה האט געווארט מיט אומגעדולד אויפ'ן פרילינג. זי האט כסדר אויס־געפרעגט סעמ'ען צי דאס קינד וויינט ביינאכט, צי עס לאזט זיי שלאפען, צי דאינע'ס מילך איז גוט פאר'ן קינד? אנגעזאגט, אז ער זאל זעהן, אז דאינע זאל א סך רוען, אז זי זאל נישט הא־בען קיין פארדרוס; אז דאינע וועט זיך אפהיטען וועט איר מילך זיין גע־זונט פאר'ן קינד.... „געדענק דאס, מיין זוהן!..."

סעם האט אלץ צוגעהערט און ער האט דערציילט די מעלות פון קינד, ווי עס קוקט אויף אים, ווי שיין עס איז, וואס פאר א שטיל קינד דאס איז.

דאס אלץ וואס סעם האט גערעדט איז נישט געווען קיין געמאכטע רייד. ווען ער האט גערעדט פון קינד האבען זיינע אויגען געלויכטען. ער האט גע־רעדט מיט אזוי פיל ליבע, מיט אזוי פיל הארציגקייט, אז זיין מאמען זיינען פון אירע קראנקע אויגען געלאפען טרערען פון פרייד.

ווען סעם פלעגט אהיימקומען פון האספיטאל, האט ער קיינמאל נישט דערציילט דאינע'ן וועגען זיין מאמע'ס בענקעניש צום קינד. ער האט דאך נישט געהאט קיין דרייסטקייט איר פארצולייגען, אז זי זאל פארען צו זיין מאמע'ן אין האספיטאל מיט'ן קינד.

און איינמאל, ווען ער איז צוריק־געפארען פון האספיטאל צוזאמען מיט זיין שווער, וועלכער האט באזוכט די קראנקע חנה'ן, זיינען זיי ביידע גע־פארען אין דזשעיקאב'ס קאר און גע־רעדט וועגען דעם שיינעם וועטער, וואס האט זיך היינט געשטעלט, און דזשעיקאב האט געזאגט צו זיין „איי־דים":

— דו ווייסט, ווען עס וועט מאר־גען זיין אזא שיינער טאג ווי היינט וועט מען נעמען דיין ווייבעלע, מיט אייער קינדרעלע, און מען וועט צופארען צו דער באבע'ן. זאל זיך חנה פרייען מיט איר אייניקעל...

סעם האט געשוויגען. וואס האט ער נעבער געקאנט זאגען? ער האט גארנישט ערווארט אזא גליק. אבער אזוי שנעל ווי זיי האבען איבערגע־טראטען די שוועל און דזשעיקאב האט געזעהן, אז בעקי איז פארנומען אין קיך, איז ער גלייך אריינגעגאנגען צו דאינע'ן אין צימער און דערציילט וועגען חנה'ס בענקעניש צו זעהן איר איי־ניקעל. דאינע'ן איז גלייך איינגעפא־לען דער געדאנק און זי האט געזאגט צו איר פאטער:

— פא, אויב דו ווייסט אונז וועלען מארגען נעמען אין דיין קאר צום האס־פיטאל, וועל איך זיין זעהר צופרידען מיטצונעמען מיין קינד צו זיין באבע'ן.

און אזוי איז געשען דער וואונדער.

עס איז געווען א וואונדערבאר שיינער ווארימער טאג, ווען דאינע האט גענומען איר בעיבי אין באגליי־טונג פון איר „מאן" און איז איינגע־שטיגען אין איר פאטער'ס קאר.

בעקי האט זיך געבייזערט:

— זאלסט עס חלילה נישט באדויע־רען. מען שלעפט אזא פיצעלע קינד אין א האספיטאל! האט שוין גע־הערט אזעלכע זאכען? אנדערש זיי־נען זיי נישט געוואוינט די רעפיור־דזשים! מען וועט מיר נאך צוקילען דאס קינד. דעק עס גוט צו! דזשעי־קאב, געשפאן מיינער! פלי נישט מיט דער קאר ווי א משוגענער. פאר דיך ארט מיר נישט, נאר דאס „בעי־בעלע" איז אין קאר. געדענק!...

ראינעלע, היט מיר אפ ס'קינד, זאלסט עס נישט ווייזען פאר די רעפיודזשים! זיי פארגינען דען עפעס? נא, טו אז.

זי האט אנגעטאן דעם קינד א רויט בענדעלע, עס זאל אויסגעהיט ווערען פון אן עין הרע.

ווען די קאר האט זיך גערירט פון ארט האבען אלע פרייער אפגעאטעמט.

ווען דאינע איז אנגעקומען אין האס־פיטאל און איז מיט איר קינד צוגע־גאנגען צו חנה'ן, איז חנה'ס פרייד געווען אזוי גרויס, אז אלע אין האספי־טאל האבען געווישט די אויגען.

חנה האט זיך איינפאך מורא געהאט צוצורירען צום קינד. זי האט גע־ווישט די הענט מיט ארעקאלאן און זי האט זיך איינפאך נישט פארגונען צו דריקען איר „אייניקעל" צום הארץ.

— מאמע, רעג זיך נישט אויף, דו טארסט זיך נישט אויפרעגען — האט סעם כסדר געוואלט זי בארואיגען, ווייל ער געדענקט דאך גוט די „אטא־קע" וואס זי האט באקומען דעמאלט ווען זי איז געוואויר געווארען, אז זי איז געווארען א „באבע", אז דאינע האט געבוירען א זוהן. א, ער גע־דענקט עס גוט. א סך געזונט האט עס געקאסט.

אבער חנה האט גארנישט געהערט וואס מען האט גערעדט צו איר.

— מיין מנחמ'ל, מיין אייניקעל! — האט זי נישט געקאנט זיך מער בא־הערשען און האט דאס קינד אנגעהוי־בען צוצודריקען צו איר שוואך הארץ.

זי האט שטיל געוויינט, און באלד דערויף געלאכט פאר פרייד.

— מיין אייניקעל, מיין שמואליק'ס קינד, מיין מנחמ'ל! — האט זי בא־נעצט דאס קליינע שטערנדעל מיט טרערען — מיין פופעלע! מיין קינ־דרעלע!

דאס קינד האט דערפיהלט דיווא־רימע טראפענס אויף זיין פנימ'ל, האט עס אויפגעעפענט די אייגעלעך. עס האט געקוקט אויף חנה'ס לאכענדיג פנים און עס האט א שמייכעל געטאן.

— עס לאכט! עס לאכט! — האט זיך דערהערט דאינע'ס פריידיגער אויסרוף.

דאס איז געווען דער ערשטער שמיי־כעל פון דעם פיצעלע קינד און גע־ווענדט איז ער געווען צו א פרעמדער באבע.

חנה איז געווען איבערגליקליך וואס איר געהערט דער ערשטער שמיי־כעל.

— האב איך דערלעבט צו זעהן דעם ערשטען שמייכל פון מיין שמואליקל'ס זוהנעלע, וואס טראגט מיין מאנ'ס נא־מען מנחם... א דאנק דיר גאט פאר דעם חסד...

(ווייטערעס מארגען)

# וואס האט אויפגעטאן די נאר וואס פארענדיגטע לאנדאנער קאנפערענץ

(שלום פון עדיטאריעל פעידוש)

שטייען אינגאנצען פון קארגע דריי מיליאן מיט א 700 טויזענט באווא־פענטע מענשען, אויף וועלכע מ'גיט אויס 20 ביליאן דאלער א יאר פאר באוואפנונג, — אין דער צייט, ווען סאוועט־רוסלאנד גופא האט א סך מער באוואפענטע קרעפטען; אבער סאלדאטען אליין קענען נאך ניט בא־שטימען דעם גורל פון א מלחמה. מענ־שען זיינען נאך ניט די ענטשיידענע קראפט אין א קריג. זעהר וויכטיג איז זייער באוואפענטע קראפט און זייער גייסט. איבערהויפט אין א מא־דערנער מלחמה, וואס ווערט געפירט מיט אויסערגעווייינליכע טעכנישע קאמפס־מיטלען, שפילט די צאל מענ־שען א פיל קלענערע ראלע ווי פריער.

דער גייסט פון די פרא־סאוועטישע לענדער איז אויך גראד אזא, וואס איז זעהר ניט גינסטיג פאר מאסקווע; ווייל די אלע פרא־סאוועטישע לענדער ווערען פאקטיש געהאלטען צוזאמען מיט גוואלד, דורך באוואפענטער מאכט און טעראר; פארקערט, אין די פרייע לענדער זיינען די בירגער גרייט אויף אלע מעגליכע קרבנות, אבי צו באשיי־צען זייער פרייהייט און דעמאקראטי־שען ארט לעבען.

דאס דארפען איצט קלאר וויסען די סאוועטישע פירער איידער זיי פאר־מעסטען זיך געגען די פרייע, דעמא־קראטישע לענדער אין אן אפענעם קאמף דורך באוואפענטער מאכט. און די פארענדיגטע לאנדאנער קאנפע־רענץ האט, דוכט זיך, נאך קלארער געמאכט אט די עטליכע וויכטיגע פאקטען. זי האט איצט קלארער גע־מאכט דעם פאקט, אז די פרייע, דע־מאקראטישע לענדער וועלען ניט דול־דען קיין סאוועטישע אנגריפען; זי האט קלארער געמאכט דעם פאקט, אז די פרייע לענדער זיינען שטארק פאר־איינינגט פאר א פעסטען ווידערשטאנד; און זי האט אויך קלארער געמאכט דעם פאקט, אז זיי זיינען גרייט ארויסצושטעלען אזא מין ווידער־שטאנד מיט געהעריגע שטארקע פאר־איינינגטע קאמפס־מיטלען.

דאס איז איצט איינע פון די הויפט גאראנטיעס פאר דעם פרידען פון דער וועלט; ווייל די סאוועטישע פירער פארשטייען מעהר פון אלץ די הארבע שפראך פון באוואפענטער מאכט, מיט וועלכער זיי רעכענען זיך מעהר פון אלץ, אזוי ווי אלע ווי דיקטאטארס.

דער „אטלאנטישער אפמאך", וואס איז געקומען נאך דעם מארשאל־פלאן, האט געלייגט דעם פונדאמענט פאר א מעהר זיכערען, פעסטען פרידען אויף דער וועלט; און די נאר וואס פאר־ענדיגטע קאנפערענץ האט דעם פונ־דאמענט נאך מעהר פארשטארקט.

עס דארף קלאר ווערען פאר יעדען דענקענדען מענשען, אז די אלע פלע־נער וועגען די פאראייניגטע קאמפס־מיטלען פון די פרייע, דעמאקראטישע לענדער ווערען ניט געשאפען חלילה ארויסצורופען, אדער אנצופאנגען א נייע מלחמה; פארקערט, זיי ווערען אויסגעארבייט און דורכגעפירט דורכ־אויס מיט איין צוועק, — צו פארהי־טען זיך פון א נייער מלחמה און צו באפעסטיגען דעם פרידען אויף דער וועלט.

דא איז גילטיג דער אלטער כלל נאך פון די אמאליגע צייטען, אז „אויב דו ווילסט שלום, גרייט זיך צו א קריג".

אמת, דאס איז נאך ניט דער בעס־טער און ניט דער זיכערסטער וועג צו פרידען. א סך בעסער און זיכע־רער וואלט געווען, ווען עס ווערט בכלל פארשאטט דער אפגרונד צווי־שען די איצטיגע צוויי פיינדליכע טיי־לען פון דער וועלט, ווען עס ווערט דורכגעפירט אן ענטוואפנונג פון דער וועלט און ווען עס ווערט באפעסטיגט די מאכט פון דער אינטערנאציאנאלען בונד, פון דעם פארבאנד פון אלע לענדער, די מאכט פון רעכט און ניט פון רויהער קראפט. אבער דאס איז, ווייזט אויס, ניט מעגליך צו פארווירק־ליכען אין לעבען אין א צעריסענער וועלט וואס איז האלב פריי און האלב פארשקלאפט, אין א צערודערטער וועלט, וואו ס'הערשען נאך מעכטיגע דיקטאטארס, וועלכע פרובירען צו בא־הערשען און פארשקלאפען וואס מעהר לענדער און פעלקער.

אין אזא מין טראגישער וועלט בלייבט איבער בלויז איין אויסוועג, — אז די פרייע לענדער זאלען זיך פאראייניגען וואס ענגער און זאלען צוזאמען שאפען א שטארקען, הויכען צאם געגען דער מאכט פון דיקטאטור.

און דאס טוען טאקע די פרייע, דע־מאקראטישע לענדער פאר די לעצטע עטליכע יאר.

# שידוכים פון אמעריקאנער קינדער מיט קינדער פון ישראל

(שלום פון פעריודש 6)

מחמת דעם ענליכען קלימאט; דער רעזולטאט איז — עס ווערען ליבעס און שידוכים.

אין קאליפארניע דערגייט עס צו פאמיליעס, וועמעס עלטער־זיידעס זיי־נען געווען צווישען די קאליפארניער פיאנערען און בויער פון קאליפאר־ניער ווירטשאפטען, און די משפחות שטייען צווישען די גרופעס, וועלכע מען רופט — אן „נעיטיוו סאנס" און „נעטיוו דאטהערס".

עס איז א נייער פינקעלדיגער קאליר פאר אידישע פאמיליע־בילדער: א קאליפארניער „נעיטיוו" און א ישראל־דיגער „סאברא". און ס'איז א נייע פארצווייגונג פון אידישע מחותנים, וואס שטרייכט־אונטער, אז דער נייער ישראל־קאפיטעל אין דער אידישער געשיכטע פארוועבט זיך שנעל דורך נאטירליכע לעבענס־פעדים מיט די ליכטיגסטע פונקען פון אידישען וועלט־לעבען. און ס'איז ניט קיין רעזולטאט פון דירעקטער פראפאגאנדע. קיינער פירט דאך ניט קיין אגיטאציע פאר אזעלכע שידוכים; און מ'הערט וועגען זיי ניט בלויז אין קאליפארניע.

פאראן אן ענליכקייט ביי אנדערע פעלקער אין די פרייהייטען פון אמע־ריקע. די סקאנדינאווער פון דער אמעריקאנער מיטל־וועסט האבען אזא צובונד צו זייערע שטאם־פעלקער אין נארוועגיע, אין שוועדען און אין דענ־מארק. עס גייט־אן א כסדר'דיגער פארקער פון שידוכים, און ממילא אויך אן עקאנאמישער פארקער דורך ירושות פון משפחה־אייגענטום אויף ביידע זייטען ים. ס'איז ביי די סקאנדינא־ווער אפילו זעלטען א פראגע וואו דאס פאר־פאלק פון דער אמעריקאני־שער מינעסאטא און דער נארוועגישער אסלא זאל זיך באזעצען. וואו צו וואוינען הערט־אויף שפילען א ראל אויב די וואוין־לענדער זיינען נאר גע־בענשט מיט פרייהייט און מיט א נארמאלען עקאנאמישען צושטאנד.

אן ענליכקייט, נאר אויף אן אנדער שטייגער, איז פאראן אויך אין קאלי־פארניע, וואס דאס איז, אגב, איצט פון די קענטיגסטע קאליפארניער לעבענס־שטריכען. דא דערצייל איך שוין פון קאליפארניער ניט־אידען. עס גייט־אן א שידוכים־שטראם צווישען באזעצטע אין קאליפארניע און די פון זייערע אפשטאם־שטאטען, הויפטזעכליך דריי: אינדיאנא, אהייא און איאווא. דערביי איז די ראל פון אמונה, פון דיזעלבע דענאמינאציעס, צו וועלכע די פאמי־ליעס געהערען.

ענליכקייטען שטימען אבער ניט אין אלע פרטים, באזונדערס ניט אין שייכות מיט אידען. מיר זיינען א דרא־מאטיש פאלק מיט אייגענארטיגקיי־טען. וואס איינע פון זיי איז מחותנים־און קרובים־פארבינדונג אויף אלע קאנ־טינענטען. און אפנים, אז ישראל ווערט איצט דער צענטער דערפון. ס'איז א נייער שטריך פאר'ן בילד פון „קיבוץ־גליות"...



# מאיער בערגער, דער אידישער רעפארטער פון די „טאַימס", וואָס האָט געוואונען דעם „פוליצער פרייז"

(שלום פון פעריודש 3)

צוצוימען די פאנטאזיע, ניט לאזען די פאנטאזיע באהערשען די פאקטען.

ווי ווייט מען האלט פון אים אין דער „ניו יארק טאימס", קען מען זען פון דאס פאלגענדע:

די „ניו יארק טאימס" פייערט קור־מענדיגען יאר איר 100־יאריגען יובי־לעי. שרייבט מען, ווי עס פירט זיך אין אזעלכע פאלען, אן אויספירליכע געשיכטע פון דער „ניו יארק טאימס". אזא מין דזשאב ווערט געוויינליך אנפארטרויט צו דעם השוב'סטען אדער וויכטיגסטען מיטארבייטער פון דער צייטונג.

אז די „ניו יארק טאימס" האט גע־נוג חשוב'ע מיטארבייטער, קענער, עקספערטען אין זייערע געביטען, איז פארשפארט צו דערציילען אייך. קיין שום אנדערע צייטונג קען זיך ניט בארימען מיט אזעלכע מיטארבייטער, וואס די „ניו יארק טאימס" פארמאגט. יעדער שרייבער וואלט באטראכט פאר א זעלטענעם כבוד צו שרייבען די געשיכטע פון דער „ניו יארק טאימס". עס וואלט אים צוגעגעבען אזויפיל פרעסטיזש!

איז וועמען, דענקט איר, האט די „ניו יארק טאימס" אויסגעקליבען און אנפארטרויט אט־דעם העכסט־וויכטי־גען דזשאב?

צו מאיער בערגער'ן! צו דעם גע־וועזענעם פאליציי־רעפארטער פון ברוקלין, וועלכער האט אפילו ניט בא־וויזען צו פארענדיגען האי־סקול.

שוין א פאר יאר, אז מאיער בער־גער ארבייט איבער דער געשיכטע פון דער „ניו יארק טאימס". מען האט אים אנפארטרויט דעם דזשאב נאך לאנג־לאנג איידער ער האט געוואונען דעם פוליצער־פרייז.

און אט־דער פאקט אליין איז גע־נוג צו באווייזען די גרויסע אכטונג, דעם צוטרוי, וואס די ארויסגעבער, די רעדאקטארען און פירער פון דער „ניו יארק טאימס", פיהלען צו מאיער בער־גער'ן.

אונזער ערשטער „אינטערוויו", אגב, איז פארגעקומען אויף דעם צענטען פלאר אין דער „טאימס"־בילדינג, אין א צימער ביי דער רייכער לאיברערי פון דער צייטונג.

ווען איך בין אריינגעקומען אין זיין צימער, איז מאיער געזעסען אן אי־בערגעבויגענער איבער'ן דעסק און ער האט אריינגעקוקט אין א פאפיר. ער האט מיך דערזען און האט זיך אויפ־געהויבען מיט זיין גאנצער הויך. ער איז, וואס מ'וואלט באצייכענט אין אידיש, א „לאנגער" — ער איז קרוב זעקס פוס די הויך, אבער ער זעט־אויס נאך העכער, צוליב זיין מאגערקייט.

ער האט מיר דערלאנגט די האנט, און ווי עס פירט זיך צווישען צייי־טונגסלייט, האבען מיר פון ערשטען מאמענט־אן גענומען רופען זיך ביי די ערשטע נעמען — איך האב אים אדרעסירט אלס „מאיק", און ער מיך — אלס „דזשעי".

און עס איז אוועק א גאנג. איך האב געהערט איינע פון די מערקווירדיג־סטע לעבענס־געשיכטעס, וואס מיר איז ווען־עס־איז אויסגעקומען צו הע־רען אין פארלויף פון מיין קאריערע אלס צייטונגסמאן.

„מאיק" בערגער איז געבארען גע־ווארען אויף דער איסט־סייד מיט 51 יאר צוריק — צו זיין גענוי, דעם 1טען סעפטעמבער, 1898. ער איז גע־בארען געווארען אויף לואיס סטריט, צווישען ריווינגטאן און סטענטאן סטריטס. זיינע עלטערן זיינען געווען אימיגראנטען. ביידע זיינען געבארען געווארען אין א געגנט, וואס האט אמאל באלאנגט צו אונגארן און איז נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה ארי־בערגעגאנגען צו טשעכאסלאוואקיע. מאיער'ס טאטע, איגנאץ, איז געבא־רען געווארען אין דער שטעטעל סטרעפקאוו. ער איז געווען א שניי־דער. די מוטער, שרה, איז געבארען געווארען אין א דארף, ניט ווייט פון סטרעפקאוו. איר מיידעלשער נאמען איז געווען וואלדמאן.

מאיער'ס פאטער איז געווען א הויכער מאן, מיט א רויטער בארד. ער איז געווען א וואויל־קענער און ער איז געווען זייער א פרומער.

שרה בערגער איז געווען א קלוגע פרוי, אן אכת'ע אשת־חיל. זי האט ניט געקענט לייענען און שרייבען, אבער זי האט געהאט איינגעבארענע חכמה, און אינטעליגענץ, און שארפ־זין. זי האט געקענט רעדען אידיש, דייטש, אונגאריש, סלאוואקיש. זי איז מיידעלווייז געווען א קעכין אין א רייכער דייטשער הויז און איז געווען אן אכת'ע בריה. מאיער באלעקט זיך נאך איצט, רעדענדיג וועגען די גע־שמאקע מאכלים, וואס זיין מוטער פלעגט אפקאכען אין זייער ארימער היים, וואו עס איז אפט ניט געווען וואס אריינצולייגען אין טאפ.

שרה בערגער האט געהאט א פיינעם חוש פאר הומאר. די צונעמענישען, וואס זי פלעגט געבען, פלעגען זיין גע־לונגענע. מאיער'ן האט זי געגעבען א צונאמען, וואס גראמט זיך: „מעיער דער דרעהער". זי האט געהאט א דערציילערישען טאלאנט און זי האט געקענט דערציילען א מעשה און האל־טען אירע צוהערער געשפאנט. מאיער בערגער זאגט, אז ער האט גע'ירש'ענט אט־די דערציילערישע אייגענשאפט פון דער מאמען.

שרה בערגער האט דערלעבט א טי־פען עלטער און א סך נחת פון איר מאיער'ן. זי איז געשטארבען מיט צוויי יאר צוריק, אין עלטער פון 87 יאר.

די בערגער־פאמיליע, ווי אלע ארי־מע פאמיליעס, איז געווען א גאנץ־גרויסע. מרס. שרה בערגער האט גע־בוירען דרייצען קינדער, אבער בלויז ניין פון זיי — זיבען זיהן און צוויי טעכטער — זיינען געבליבען לעבען.

דעם טאטען'ס פארדינסטען האבען ניט געקלעקט אויף אנקארמענען אזוי פיל מיילער. די מוטער און אלע קינ־דער האבען געדארפט אונטערהעלפען. מיט דער צייט איז די מאמע געווארען די הויפט ברויט־געבערין פון דער בערגער־פאמיליע.

ווען מאיער איז נאך געווען א סקול־אינגעל, האט די בערגער־פאמי־ליע אריבערגעצויגען פון דער איסט־סייד קיין ברוקלין, ווייל מען האט דארטען געקענט קריגען ביליגערע רענט. די בערגערס האבען זיך בא־זעצט אין דעם צפון־טייל פון ווי־ליאמסבורג, אויף דער נארט 8טע סטריט. די מאמע האט געעפענט א פיטשינקע קענדי סטארקע. די קינדער פלעגען פארקויפען צייטונגען און טאן אנדערע ארבייטען, צו פארדינען א פאר סענט. מאיער בערגער אליין האט אויך געפעדעלט מיט צייטונגען, ווען ער איז אלט געווען אכט יאר.

— כ'פלעג פארקויפען פעיפערס אויף בעדפארד עוועניו און בראדוועי — האט ער זיך ערמאנערט.

דאס אריבערציהען קיין ברוקלין האט פאראורזאכט א גאנצען איבער־ברוך אין דעם לעבען פון די בערגערס. די געגענט, וואו זיי האבען זיך בא־זעצט, איז אן עכט־גוי'אישע און איז באוואוינט געווען פון איירישע, דייטשען, און פאליאקען. די פארגרעב־טע „לאופערס" פון בלאק האבען בא־צייכענט די בערגערס און זייער קענ־די סטארקע אלס „שיני בוירגערס", און מאיער'ן, און אויך זיינע ברידער, איז אפט אויסגעקומען צו „פארזוכען דעם טעם פון אידישקייט" אויף זייע־רע פלייצעס, און זיי האבען זיך אנ־פאנגס געפיהלט ווי אין גלות אין דער נייער געגענט.

מאיער און זיינע ברידער האבען זיך געלערענט אין פאבליק סקול 17, אויף ראבלינג און נארט 5טע סטריטס. זיינע עלטערן האבען אויך פרובירט געבען די קינדער א אידישע ערציאונג און האבען זיי געשיקט אין חדרים. דער חדר, וואו מען האט אריינגעגע־בען מאיער'ן, האט זיך געפונען ער־גען אויף דער סאוט 3טער סטריט, אין דעם אידישען טייל פון וויליאמס־בורג. דריגס עוועניו איז דאן, ווי מאיער דערציילט, באטראכט געווא־רען אלס דער גרעניץ צווישען דעם אידישען און גוי'אישען טייל פון ווי־ליאמסבורג.

— שקאצימלעך פון גוי'אישען טייל פלעגען אפט באפאלען אונז ביים „גרע־ניץ" און אנבעיקערען אונז די ביינער. זיי פלעגען ארויסכאפען ביי אונז די אידישע לער־ביכלעך, ווארפען זיי אויף דער ערד. איינמאל האבען זיי מיך אפגעשטעלט ביים „גרעניץ" און זיי האבען מיר געהייסען לייענען דעם אידישען ביכעל, וואס איך האב גע־טראגען. זיי האבען דורכאויס גע־וואלט וויסען וואס דארטען שטייט. כ'בין געווען אן אנפאנגער און א קנאפער למדן. האב איך ניט געקענט לייענען דעם ביכעל. האבען די שקאצימלעך ארויסגעכאפט דעם ביכל פון מיינע הענט, אנידערגעלעגט עס אויפ'ן סאידוואק. זיי האבען מיך אומגעשליידערט און געריבען מיין פנים אן ביכעל אזוי לאנג, ביז א פארבייגייער האט מיך אפגעראטע־וועט.

„מיר פלעגען זיך פרואווען ארויסראטעווען פון די גוי'אישע רשעות'דיגקייט דורך ענדערען אונ־זער מארשרוט צום חדר, גיין איבער אנדערע, ווייטערע גאסען. פארביי־גנב'ענען זיך די שקאצים. מיר פלעגען אויך פרואוו'ן באהאלטען אונזער אי־דישקייט — די אידישע לער־ביכלעך אונטער די העמדלעך. אבער קיין שום „קאמופלאדזש" האט ניט געהאלפען. די שקאצימלעך פלעגען אונז אפוואר־טען ביים „גרעניץ" און באפאלען, ווי־פיל מיר זאלען זיך ניט אויסבאהאל־טען" — האט מאיער בערגער זיך ער־אינערט.

די קליינע בערגערלעך, מאיער און זיינע ברידער, האבען דערפאר געהאט ווייניג חשק צו גיין אין חדר. האט ז'ער טאטע אליין גענומען לערנען מיט זיי אידישע לימודים אין דער היים. קיין צופיל צייט און געדולד האט דער פאטער ניט פארמאגט. איז דער סוף געווען, אז דער עסק איז אלעמען נמאס געווארען און מאיער בערגער איז פארבליבען א קנאפער קענער אין די שווארצע פינטעלעך, אין אידיש־קייט.

מאיער בערגער פארשטייט, נא־טירליך, אידיש. עס איז געווען, אזוי צו זאגען, זיין מוטער־שפראך. די על־טערן האבען גערעדט בלויז אידיש אין הויז. רעדען קען ער אויך א ביסעל, הגם עס קומט אים איצט אן שווער־ליך, האט ער מיר געזאגט. אין זיין געשפרעך מיט מיר אבער האט ער באנוצט א סך אידישע אויסדרוקען, וואס זיינען אים פארבליבען אין זכרון נאך פון די קינדערשע יארען.

מיט דער צייט האבען זיך די בער־גער קינדער צוגעפאסט צו דער נייער סביבה. מאיער איז אפילו אריינגע־נומען געווארען אין דער חברותא — אין דער גוי'אישער גענג פון בלאק וואס איז באשטאנען פון איירישע און דייטשע שקאצימלעך. ער איז געווען דארטען דער איינציגער אידישער אינגעל.

(אגב איז מאיער'ן שפעטער פילע מאל אויסגעקומען צו זיין דער איינ־ציגער איד אין א גוי'אישער אומגע־בונג, ווי ס'וועט דערציילט ווערען אין די ווייטערע ארטיקלען).

די גענג פלעגט אפט מלחמה האל־טען מיט אידישע קינדער פון דער סאוט טייל — די אידישע גאסען פון וויליאמסבורג, ווי סאוט ערשטע און צווייטע סטריטען, ראבלינג סטריט א. אז. וו. מאיער פלעגט מיטגיין מיט זיין גוי'אישער גענג „שלאגען די אידען".

— כ'האב געמוזט מיטגיין מיט זיי אויס מורא און זעלבסט־פארהיטונג. וואלט איך ניט געגאנגען מיט דער גענג, וואלט איך אליין געקראגען גע־שלאגען פון זיי. איידער כאפען קלעפ איז שוין בעסער געבען קלעפ — האט מאיער ווי זיך פארענטפערט פאר מיר, דערציילענדיג די געשיכטע.

איינמאל אבער האט די אידישע גענג פון די „סאוט גאסען" גובר גע־ווען די שקצים און מאיער, וועלכער איז ניט געווען קיין וואזשנער שלע־גער, איז צו'מזיק'ט געווארען אין קאמף און ער איז געקומען א היים א צובלוטיגטער מיט אונטערגעהאקטע אויגען. ווען די מאמע האט זיך דער־וואוסט וואס איר מאיערקע האט אפ־געטאן, אז ער איז געגאנגען מיט די שקאצים „שלאגען אידען", האט זי אים דערלאנגט פייערדיגע פעטש און ארויסגעווארפען פון הויז אהן סאפער.

אן איירישע שכנה מיט'ן נאמען קאסטעלא האט זיך דערבארימט אויף מאיער'ן און זי האט אים אריינגענו־מען אין הויז. זי האט אים געגעבען עסען און — א פארציע מוסר.

— שעמען דארפסטו זיך אין ווייי־טען האלז אנצופאלען אויף דיינע אייגענע. אנשטאט צו פארטיידיגען זיי, גייסטו נאך שלאגען זיי! וואס פאר א מין איד ביסטו! — האט די איירישע שכנה דערלאנגט א גאב מאיער'ן.

איין אנדענק איז אים פארבליבען פון יענער געשיכטע — א צונאמען „דער מזיק". די מאמע האט אים יענעם אווענט געקרוינט מיט אט־א דעם צונאמען, און ווען נאר זי פלעגט אין כעס ווערען אויף אים, פלעגט זי אים רופען „מאירקע מזיק".

מאיער'ס פאטער איז אנגעקומען זעהר שווער צוצופאסען זיך צו דער נייער סביבה. ער איז געווען א טיף־רעליגיעזער מענש וואס האט געבענקט נאך דער אידישער איסט־סייד, מיט אירע שוהלען און אידישע מענשען. ער האט געארבייט אויף דער איסט־סייד און ווען ער פלעגט זיך צוריק־קערען אהיים פון דער ארבייט, פלעגט ער אפט באפאלען ווערען פון די שקאצימלעך, וואס פלעגען ווארפען שטיינער אויף אים און רייסען אים ביי דער בארד. האט ער גענומען פאר־ברענגען מער און מער צייט אויף דער איסט־סייד און ווייניגער צייט אין דער היים מיט זיין פאמיליע. האט דאס געפירט דערצו, אז מאיער זאל זיין מער צוגעבונדען צו זיין מאמען ווי צו זיין טאטען. ער רעדט עד־היום מיט גרויס ליבשאפט וועגען זיין מא־מען און די קרבנות וואס זי האט מקריב געווען פאר אירע קינדער און וויפיל זי האט געטאן פאר די קינדער צו ערציען זיי אלס פיינע מענשען.

קירצליך נאכדעם האבען די בער־גערס ארויסגעמופט פון דער גוי'אי־שער נארט וויליאמסבורג און זיך אריינגעקליבען אין אידישען טייל, אין א הויז אויף דער סאוט דריטער סטריט.

דער טאטע איז געשטארבען מיט פילע יארען צוריק, ווען מאיער איז נאך געווען א בחור'ל.

דער זשורנאליסטישער טאלאנט האט גענומען ארויסשפראצען פון מאיער'ן נאך אין די גאר יונגע יארען. ער האט נאך גייענדיג אין סקול שוין גענומען ארויסגעבען א „צייטונג" פאר'ן בלאק, וואו ער האט געוואוינט. אט אין דער „צייטונג", וואס ער פלעגט טאיפ־ראיטען, פלעגט ער שרייבען נייעס פון בלאק און רכילות וועגען שכנים.

— כ'האב זיך דאן געשניטען אויף א וואלטער ווינטשעל — וויצעלט זיך מאיער.

מאיער'ס פרוי, מעי, האט מיר גע־וויזען א פאטאגראפישע קאפיע פון איינעם פון די נומערען פון מאיער'ס קינדערשע צייטונג. אן אמאליגער שכן האט עס צוגעשיקט מאיער'ן מיט א קורצער צייט צוריק. ס'איז געשריבען גאנץ לעבהאפט, און מאיער שטאל־צירט חיבש מיט זיין אינגעלשער צייטונג און ער האלט טייער דעם אנדענק.

די בערגער־פאמיליע האט געלעבט אין דחקות, געפירט א געמוטשעטען לעבען. אלע פארדינסטען האבען ניט געקלעקט פאר דער היבשער משפחה. א קוואדער איז געווען א גרויסע מטבע ביי זיי.

מאיער, ווען ער איז נאך געווען א פאבליק־סקול שילער, האט געוואונען א פרייז פאר ארטאטארי. די פרייזען זיינען אויסגעטיילט געווארען ביי א צערעמאניע. מאיער'ס שיך זיינען אבער געווען צוריסען. ס'האט גע־דארפט קאסטען א קוואדער צו פאר־ריכטען די שיך. מאיער'ס מאמע האט יענעם אווענט פארמאגט בלויז איין קוואדער, וואס זי האט אפגעשפארט און געדארפט אריינווארפען אין גאז־מיטער. איז געווען א פראגע פון פאר־ריכטען מאיער'ס שיך אדער זיצען אין דער פינסטער, אהן גאז.

האט די מאמע „פאררופען אן אסיפה" און זי האט זיך, ווי מאיער בערגער דערציילט, בעראטען מיט די אנדערע קינדער וואס צו טאן מיט'ן קוואדער: אריינווארפען אין מיטער אדער באצאלען דעם שוסטער? איז באשלאסען געווארען, אז מען זאל גע־בען מאיער'ן דעם קוואדער און זיצען אין דער פינסטער.

מאיער דערמאנט אפט אט דעם אינצידענט אלס א באווייז פון זיין מאמע'ס אפפערוויליגקייט.

מאיער איז געווען א נישקשה'דיגער שילער אין פאבליק־סקול. אבער אין איין געגענשטאנד האט ער אונטער־געהונקען — אין אריטמעטיק.

עד־היום איז ער א שוואכער בעל־חשבון און ער האט מורא פאר ציפע־רען. זיין פרוי, מעי, איז „די בוכהאל־טערין פון דער פאמיליע".

אין דעם „טאימס"־אפיס ווייסט מען אויך גוט וועגען מאיער'ס „שוואכ־קייט" וואס שייך אריטמעטיק, און מען שיקט אים ניט דעקען קיין פינאנ־ציעלע „סטארי".

ווען טשארלז לינדבערג האט גע־מאכט זיין היסטארישע לופט־רייזע אהן אן אפשטעל, האט מאיער געשרי־בען דעם באריכט וועגען דער רייזע.

— כ'האב בשום אופן ניט געקענט אויסרעכענען די צייט־אונטערשייד צווישען דער איסט און דער וועסט, און כ'האב זיך אזוי פארפלאנטערט ווען כ'האב געדארפט אויס'חשבונ'ען דעם אונטערשייד צווישען „מאונטעין טאים" פון דענווער און „איסטערן דעילאיט סעיווינג טאים", אז כ'האב שיער ניט געמאכט א „בולבע" וועגען דער צייט וואס ס'האט גענויערט לינדבערג'ען צו פליהען פון דענווער קיין ניו יארק — האט מיר מאיער בערגער דערציילט.

פון זיינע אינגסטע יארען אן האט אים געצויגען צו דעם צייטונגס־לעבען און ער האט געטרוימט צו ווערען א קארטוניסט.

אבער וועגען דעם און אויך ווייי־טערע אינטערעסאנטע איינצעלהייטען ווי אזוי ער האט געקראגען זיין ערשטען דזשאב אין א צייטונג, וועט דערציילט ווערען אין נעקסטען אר־טיקעל — מאנטאג.

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע
•
פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אזוי טענה'ט זי זיך אויס, עלינאר, אין געדאנק מיט איר מאמען, אין פאל די מאמע אירע וועט ווידער צושטיין מיט פראגעס וועגען סאני'ן. אזוי וועט זי אפענטפערען אייבי'ן, איר פריינט, וואס זי געדענקט נאך גוט זיין שטרענ־גען קוקען אויף איר, ווי זי וואלט זיך אין עפעס פארשולדיגט אנטקעגען אים...

סאני האט אפען גערעדט צו עלי־נאר'ן ווי פארליבט ער איז אין איר. און ער האט צו איר זיך באצויגען ווי צו „זיין מיידעל". און מיט קיין אנ־דערע האט מען אים דעמאלט קיינמאל ניט געזעהן פארברענגען. דאך האט ער מיט עלינאר'ן קיינמאל ניט גע־רעדט וועגען חתונה האבען, ווי לארי האט דאס געטאן. עלינאר איז געווען פון דעם שטארק צופרידען. עס איז איר בעסער געווען אזוי. ער זאגט גארניט צו און דערפאר וועט ער איר אויך ניט פארראטען. זיי זיינען צווי־שען זיך גאר געווען ווי צוויי געליבטע. עלינאר האט געזעהן אין דעם א סך ראמאנטישקייט. און דאס האט גע־שטימט מיט איר געמיט.

סאני האט אמאל אין א שפאס איר געזאגט:

— אי עם נאט די „מעריאינג טאיפ" (ניט אזא וואס איז גרייט חתונה צו האבען).

אז אנדערש מאל האט ער זיך א וויצעל געטאן און געזאגט, אז אין אים וועט זיך אמאל פארליבען א רייכע אלמנה. און ער וועט מיט איר חתונה האבען צוליב איר געלט. און עלינאר האט הארציג געלאכט. דער אופן פון סאני'ס רעדען איז געווען אזא, וואס מען האט קיינמאל ניט געזעהן אים צו ערנסט. אפילו אין א טיפען שמועס האט זיך אין זיין רעדען אפט געפיהלט איראניע און אמאל האט ער אויך גע־קענט זיין סארקאסטיש.

עלינאר האט איינגעשטימט מיט סאני'ן, אז חתונה האבען איז א „ניר־סענס". זי האט שוין ניט געגלויבט, אז עפעס גוטס קען פון דעם ארויסקו־מען, נאכדעם ווי זי איז געווארען אנ־טוישט אין לארי'ן. אזוי אויך איז גענוג געווען, אז זי זאל זיך דערמאנען דאס בילד ווי אירע אייגענע טאטע־מאמע האבען צווישען זיך געלעבט, אז זי זאל זיך ניט איילען צו פארבינדען זיך מיט א מאן „אויף אייביג". אפשר שפעטער, אמאל, ווען זי וועט ווערען אלט. דערווייל האט זי ניט געוואלט פון דעם טראכטען, נאר זיין זארגלאז און גרינג און לוסטיג. סאני האט געזאגט, אז דאס לעבען איז אזוי רייך און פארשידענארטיג. און זי איז אויס־געהונגערט נאך לעבען...

דעם לעצטען מאל אז זי און סאני זיינען שפעט אין אווענט געזעסען אין פארק, איז ער געווען מער צודרינגליך אין זיינע לאסקעס. עלינאר איז אפילו אביסעל באאומרואיגט געווארען. זי איז געווען די, וואס האט געמוזט זיך אנטקעגען אים ווערען. זי טאר זיך ניט פארלירען. אין דער זעלבער צייט האט זי דערפיהלט אין זיך אויף דאס ניי אויפגעוועקטע באגערען צו זיין מיט אים מער אינטים, צו ווערען פון אים געצערטעלט. זי האט דעמאלט צו זיך אליין געמוזט ווערען שטרענג.

סאני איז א מאגנעטישע פערזענ־ליכקייט. אין זיין שמייכעל, אין די צוגעזשמורעטע אויגען, איז פאראן א צוזאגענדיגע פרייד. זי האט ליב זיין טונקעל־הויטיג פנים און דעם שיינעם קאפ האר, וואס פאסעמס פון זיי פא־לען אים כסדר אויפ'ן שטערן. און ער פארשארט זיי ארויף מיט אן אומגע־דולדיגער באוועגונג. עס איז פאראן איידעלקייט אין די שטריכען פון זיין פנים, ווי ביי א מענשען פון א הויכען גייסט. און עס איז מאדנע זיין פאר־האלטען זיך צו איר, ווי ער איז גע־וואוינט צו האבען שטענדיג ערפאלג ביי פרויען. זיין מאניער איז ווי פון א מענשען, וואס ער מוז אלע מאל אויספירען זיינס. א ציטער איז אי־בער איר אדורך ווען זי האט פון דעם א טראכט געטאן. אין דער זעלבער צייט האט עס גערייצט איר מיידעלשע נייגעריגקייט. מיט וואס קענען זיך ענדיגען זייערע איצטיגע באציאונגען?

דערווייל זיינען זיי נאר געווען גע־ליבטע, און קיין זאך האט זיי ניט פארבונדען, אויסער זייער געפיהל איי־נע פאר דער אנדערער. עס איז גוט אזוי — ניט צו טראכטען וואס שפע־טער דארף זיין; ניט דארפען זיך זארגען פאר דער צוקונפט.

אמאל, אין אזא שפעטען אווענט, ווען זי איז געווען ביי זיך אין צימער און האט זיך שוין געגרייט גיין שלא־פען, האט זי אראפגעווארפען פון זיך די זאכען, און איידער זי האט אנגע־טאן איר נאכט־העמד איז זי אזוי גע־בליבען שטיין ביים שפיגעל — איר בלענדענדיג ווייסע ליב, די קליינע מיידעלשע ברוסטען, איר שלאנקער האלז, און אירע האר, וואס זיינען לא־קענווייז געפאלען ביז די אקסלען. און אז זי האט אירע האר א קאם געטאן, האט זיך געזען דער שימער פון גאלד אין זיי. וואס וואלט געווען, ווען סאני זעט איר איצט אזא? זי האט צוגע־מאכט אויף א וויילע די אויגען.

סאני האט איינמאל חאלב אין שפאס געזאגט אויף איר, אז זי איז „קאנווענשאנעל" (א באלעבאטיש מיי־דעל). ער האט עס געזאגט צוליב איר זיין צוריקגעהאלטען אין ליבע און ניט וועלען צו־לאנג פארבלייבען מיט אים אליין.

— יע, אזא בין איך, באלעבאטיש. — האט זי אים דעמאלט אפגעענט־פערט מיט א טאן אן ארויסרופענדי־גען. און אין אירע אויגען איז געווען אזא בליק, וואס אים איז שווער גע־ווען צו באשטימען דעם מיין אירען...

(ווייטערעס מארגען)

## פארברענגט שבועות אין סט. טשארלס האטעל, אטלאנטיק סיטי

צו פארברענגען א פרייליכען יום־טוב, פארט אין דעם פראכטפול־שיינעם מאדערנעם סעינט טשארלס האטעל, אטלאנטיק סיטי. די



חזן יאנקעל פאקס

מענעדזשמענט פון האטעל האט באשלאסען צו רעכענען נידעריגע פרייזען פאר'ן שבועות וויק־ענד.

דער אייראפעאישער חזן יאנקעל פאקס, וועלכער איז ניט לאנג צוריק געקומען קיין אמעריקע, וועט דאווענען יום־טוב שבועות אין דער לופטיגער שוהל פון דעם סעינט טשארלס האטעל. חזן פאקס האט געמאכט א גרויסען ערפאלג אין ענגלאנד אין די לעצטע 9 יאר. ער באזיצט זעהר א שיינע שטימע און בא־גייסטערט די צוהערער. ער איז געקומען קיין אמעריקע אויפצוטרעטען דא אין פארשידענע שטעט, און דער מענעדזשמענט פון דיזען מאדערנעם האטעל איז געלונגען דעם חזן צו אנגאזשירען פאר יום־טוב שבועות, און דאס וועט זיין אן אמת'ער טריט פאר די געסט פון דעם האטעל צו הערען דעם וועלט־בארימ־טען חזן יאנקעל פאקס.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרזעצונג)

באַלד ווי עלינאָר איז באַפרייט געוואָרען פון סקול, איז זי באַלד אינאיינעם מיט איר מאַמען אוועקגעפאָרען פון שטאָט ווייט אין די בערג. עס האָט בעלאַ'ן גענומען אַ לאַנגע צייט ביז עלינאָר האָט זיך געלאָזען איינרעדען זי זאָל מיטפאָרען מיט דער מאַמען. דעם זומער-האָטעל, וואָס בעלאַ האָט אויסגעקליבען, איז פאַר עלינאָר'ן געווען, קען מען זאָגען, אַ פּקומעניש. עס זיינען דאָרט געווען ווייניג יונגע מענשען און זי האָט זיך דאָרט געלאַנגווייליגט. זי איז דאָרט אָפּגעווען אינגאַנצען נאָר עטליכע וואָכען און שוין געקליבען זיך פאָרען צוריק אַהיים.

זי האָט געבענקט נאָך סאַני'ן. זיי האָבען דורך דער צייט זיך דורכגעשריבען און זיינע בריף זיינען געווען פונקט אַזוי ניט-געוויינליך און אינטערעסאַנט ווי ער אַליין. ערשט דורך זיינע בריף האָט זי דערפילט ווי שטאַרק ער האָט איר ליב און ווי ער בענקט נאָך איר. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז ווען עלינאָר איז געקומען צופאָרען צוריק אין שטאָט, האָט זי סאַני'ן ניט געטראָפען. ער איז אוועקגעפאָרען אין אַ קעמפּ אויף אַ פּאָר וואָכען צוזאַמען מיט זיינעם אַ חבר. ער האָט איר פון דאָרט געשריבען, אַז די שטאָט איז געווען צו-פּוסט און אומעטיג אָהן איר און ער קוקט שוין אויס די מינוט ווען זיי וועלען זיך ווידער קענען זעהן.

דער זומער איז שוין באַלד געווען ביים סוף. אין גיכען האָט עלינאָר שוין געדאַרפט זיך נעמען גרייטען פאַר איר אַרבייט אין סקול. אייב גאָרדאָן איז אויך דעם זומער געווען אין קאַנטרי. ער האָט דאָרט געאַרבייט אַלס אַ וועיטער אין אַ זומער-האָטעל צו פאַרדינען געלט פאַר'ן קאָלעדזש. איידער ער איז אוועקגעפאָרען האָט ער געהאַט מיט עלינאָר'ן אַ שאַרפען דורכרייד און ער האָט זיך אַפילו מיט איר ניט געזעגענט. ווייל ער האָט געוואוסט, אַז איר גייט סיי-ווי ניט אָן וואו ער וועט זיין און וואָס ער וועט טאָן דעם זומער.

אייב האָט געטראָגען אין זיך אַ שטאַרקען כעס אויף סאַני'ן. אים איז אויסגעקומען פאַר דער לעצטער צייט נאָך אַ פּאָר מאָל זיך צו באַגעגענען מיט אים. און מיט יעדען מאָל האָט ער אים אַלץ מער פיינט געקראָגען.

ווי איינער האָט פיינט זיינעם אַ געגנער, וואָס איז מער ערפאָלגרייך ווי ער אַליין. ער האָט סאַני'ן געהאַסט פאַר זיין שיינעם אויסזען און פאַר זיין פּוסטען און קלינגענדיגען ריידען. מער ווי ווען-עס-איז האָט אייב איצט געליטען פון זיין אייגענעם ניט-צוציענדיגען אויסזען און פון זיין ניט קענען זיך אויספיינען מיט שיין ריידען. ער האָט געדאַרפט שטיין און צוקוקען בשעת סאַני האָט זיך צורעדט און עלינאָר האָט ניט געקענט אָפּרייסען פון אים די אויגען, און ער, אייב, האָט דעמאָלט אויך געפּרואווט אַריינוואַרפען אַ וואָרט, ווי נאָר צו דערמאָנען עלינאָר'ן, אַז ער איז אויך דאָ דערביי. אייב האָט זיך אָפּגעגעסען דאָס האַרץ פאַרוואָס דאָס דאַרף אַזוי זיין. „די קינדער פון די רייכע טאַטעס," האָט ער ביי זיך געטראַכט, „די רייכע זיהנדלעך, זיי קומט אַלץ און ביי זיי איז אַלץ אַ שפּיל. וואָס ווייסען זיי פון ליידען נויט, פון שווער אַרבייטען צו דורכברעכען אַ וואַנט, צו קענען צו עפּעס דערגרייכען? און זיי האָבען נאָך כסדר טענות—די סקול טויג ניט, די לערער טויגען ניט, און אַליין טויגען זיי גאָרניט. אָט דער סאַני, ער זיצט און וואַרט, אַז מען זאָל אים אונטערטראָגען אַלץ פאַרטיגעס. פון הימעל זאָל דאָס אים אַלץ אַראָפּפאַלען..."

אַזוי זיינען ביי אייבי'ן דעמאָלט געלאָפען די געדאַנקען. עס האָט אים ניט אַזוי געאַרט פאַר זיך, ווי פאַר עלינאָר'ן. זי פאַרשטייט ניט ווי אַלץ איז ביי סאַני'ן נאָר דער בליאַסק. אַלץ איז ביי אים אויבענאויפיג, אָהן אַ שום גרונט. עלינאָר איז אין אים פאַרקאַכט. דאָס איז שוין זיכער. איינמאָל אין אַ שפּעטען אָווענט, אַז אייב איז דורכגעלאָפען דעם פּאַרק, האָט ער זיי ביידען געטראָפען זיצען אויף אַ באַנק, עלינאָר'ן און סאַני'ן. זיי זיינען געזעסען אַרומגענומען. און זיי האָבען פון עפּעס זיך געשושקעט און געלאַכט. און אים, אייבי'ן, האָבען זיי אַפילו ניט באַמערקט.

אייב האָט שוין איינמאָל אין אַ שמועס מיט עלינאָר'ן אָנגעוויזען איר אויף סאַני'ס חסרונות. ער האָט דאָס געמוזט טאָן, צו עפענען עלינאָר'ן די אויגען. סאַני איז ניט קיין ערנסטער מענש. אַז מען רעדט מיט אים וועגען אַ געוויסער פראַגע, ענטפערט ער ניט גלייך, צום פּונקט, נאָר ער שפּרינגט באַלד אַרויף אויף עפּעס אַנדערש. ער הויבט אָן צו ריידען פון זייטיגע זאַכען, וואָס האָבען מיט דער ערשטער פראַגע גאָר ניט צו טאָן.

— „וואָס איז ערפאָלג? וואָס איז וויסען?" — האָט אייב געפּרואווט נאָכמאַכען סאַני'ס מאַניערען פון פירען אַ געשפּרעך — ער פאַרשיט דיך מיט רייד, ווי נאָר צו וועלען פאַרטומלען זיין געגנער — האָט אייב גערעדט מיט האַרץ פאַר עלינאָר'ן.

— אַ, אייב, דו קענסט אים גאָרניט, סאַני'ן, און דו דאַרפסט אַזוי ניט ריידען — האָט עלינאָר זיך פאַר אים אָנגענומען. איר האָט זיך געדאַכט ווי אייב טשעפּעט זיך צו סאַני'ן אומזיסט. נאָר אייב האָט געפיהלט ווי עלינאָר הערט גאָר ווייניג וואָס ער רעדט צו איר איצט. און עס האָט אים גענומען שטיקען דער כעס. און דעמאָלט האָבען זיי געהאַט אַ שאַרפען איבעררייד צווישען זיך, אייב און עלינאָר, צום ערשטען מאָל אין זייער לאַנגער פריינטשאַפט, וואָס ציט זיך שוין פון זייער פריער יוגענט אָן.

— ווער בעט דיר דו זאָלסט זיך אַזוי זאָרגען וועגען מיר? — האָט עלינאָר זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן מיט אַ כעס — דאָס האָט מיין מאַמע דיר אַזוי אָנגערעדט?

— דיין מאַמע דאַרף מיר אָנריידען?
— איז אייב שוין אויך אַריין אין אַ כעס — דו מיינסט אַז איך אַליין פאַרשטיי שוין גאָרניט? דו האָסט אַ גרויסען טעות...

אַזוי האָבען די צוויי פריינט זיך איצט געקריגט צווישען זיך. נאָר עלינאָר האָט דאָך ניט געוואָלט, אַז אייב זאָל אויף איר טראָגען אַ כעס און ווי וועלענדיג אים איבערבעטען, האָט זי געזאָגט:

— אָלראַיט, אייב, גוט, דו ביזט גערעכט. זאָל זיין ווי דו זאָגסט.

אייב איז דעמאָלט אוועק פון איר מיט אַ כעס. נאָר עלינאָר'ן האָט דאָס איצט ניט שטאַרק געאַרט. „פאַרוואָס דאַרף זי זיך דאָס אַזוי רעכענען מיט אים? פאַרוואָס רייסט זי ניט איבער מיט אים אינגאַנצען?" האָט זי זיך אַליין געוואונדערט. נאָר עפּעס אַ געפיהל אין איר האָט ניט דערלאָזען איר צו איבעררייסען מיט אייבי'ן, איר אַלטען גוטען פריינט פון אַלע יאָרען. עפּעס האָט איר מיט אים צונויפגעבונדען אַזוינס וואָס זי האָט אַליין ניט געהאַט צו דעם קיין נאָמען...

איצט האָט איר אייב נאָר געמאַכט נערוועז. ער איז איינזייטיג און ער זעהט גאָרניט וואָס עס טוט זיך אַרום אים און ער האָט ניט קיין אינטערעס צו קיין אַנדער זאַך אויסער זיין לערנען. און סאַני איז אַזוי פאַרשידענאַרטיג. ער ווייסט אַלץ און האָט צו אַלץ אַ לעבעדיגען אינטערעס, און עס איז איר אַזוי גוט מיט אים. זי האָט שוין אויסגעקוקט די מינוט ער זאָל שוין קומען פון קעמפּ און זי זאָל קענען אים ווידער זעהן.

קומענדיג פון איר וואַקאַציע אין די בערג איז עלינאָר'ן שווער געווען צו ווערען צוריק אַריינגעצויגען אין דעם טאָג-טעגליכען, וואָכעדיגען לעבען. עס איז דעמאָלט געווען אַ שפּעטער זומער, מיט אַ הייסער, שטיקענדיגער לופט. און די נעגענטען אַרום פּאַרק זיינען געווען באַלאַגערט מיט מענשען, וואָס זיינען אָפּהענגדיג געווען צעזעצט אויף די בענק, לעכצענדיג נאָך אַ קילען ווינקעל. אַז זי איז איז געפאָרען „דאַון טאַון" עפּעס איינקויפען האָט זי דאָרט באַגעגענט דעם געוויינליכען רעש און געדרענג פון די מענשען; ניו יאָרק, די שטאָט מיט איילענדיגען, אימפּעטיגען לעבען. זיך אויסמישענדיג מיט'ן שטראָמענדיגען עולם אויף די טראָטואַרען, האָט עלינאָר געזעהן די באַוועגענדיגע מאַסע מענשען ווי פון דער ווייטען, ווי דורך אַ גלאָז, זייענדיג אַריינגעטאָן אין זיך אַליין. זי איז געווען איינגעברוינט פון דער זון, פריש און אויסגערוהט, מיט אַ ליכטען, שוועבענדיגען טראַט.

בעלאַ, עלינאָר'ס מאַמע, איז איצט געווען פאַרנומען מיט דעם צוגרייטען דרעסעס פאַר אירע קאַסטומערס צום נייעם האַרבסטיגען סעזאָן, און זי איז אַלע טאָג געפאָרען צוליב דעם „דאַון טאַון". עלינאָר איז דעמאָלט מערער געווען אַליין מיט זיך. איר נאָהענטסטע חבר'טע, מאַרטאַ'ן, האָט זי אין יענער צייט אויך ווייניג געזעהן. זי האָט אין האַרצען מורא געהאַט, אַז מאַרטאַ זאָל איר ניט אָנהויבען מוסר'ן צוליב איר פריינטשאַפט מיט סאַני'ן, וועגען וועלכען זי האָט ניט געהאַט קיין צו גוטען מיינונג. און עלינאָר האָט דערפאַר איר פריינדין איצט אויסגעמידען.

(ווייטערס מאָרגען)

# דער איינפלוס פון מדינת ישראל אויף דעם לעבען פון כלל-ישראל

פון יעקב לעשצינסקי

(שלוס פון פעידזש 2, סעקשאַן 2)

וואָלטען אידישע פּעדאַגאָגען אונז געקאָנט דערציילען זייער אינטערעסאַנטע זאַכען — — נאָר אַ פּאָר ווערטער, ווייל די טעמע פאַרדינט גענויער באַהאַנדעלט צו ווערען. לערער דערציילען, אַז זיי האָבען ממש איבּגעלעבט מיט דעם מאַטעריאַל, וואָס זיי באַקומען אַרום די געשעהענישען אין ישראל. עס איז ביז גאָר שווער צו לערנען מיט די קינדער די אידישע ליטעראַטור פון אייראָפּע: דער אידישער דלות, וואָס ווערט דאָרטען געמאָלט, די אידישע געפאַלענקייט, די אידישע שוואַכקייט געגען די פּאָגראָמען און געגען די גזירות פון פאַרשיידענע רעגירונגען, רופען אַרויס ביי די קינדער דעפעטיסטישע געפילען. און פילע לערער זאָגען, אַז עס איז בכלל שרעקליך צו לערנען מיט אידישע קינדער אידישע געשיכטע, וועלכע איז איין לאַנגע קייט פון צרות און רדיפות, פון פּיין און נע-ונד זיין. דער קאַמף אין ישראל, די זיגען אין דער מלחמה מיט די אַראַבער — דאָס איז שטאָף, וואָס הויבט דעם גייסט.

עטליכע טויזענט אידישע סטודענטען אויף העברעאישע קורסען אין עטליכע הונדערט אוניווערסיטעטען אין אַמעריקע — און ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אויך אין פילע אַנדערע לענדער — איז ווידער אַ געוואַלדיגער אינסטרומענט געגען אַסימילאַציע, געגען אַנטלויפען פון אידישען פאָלק, געגען שעמען זיך צו געהערען צום שוואַכען און אָרימען אידישען פאָלק. אויב אין ניו יאָרקער אוניווערסיטעט אין האַרוואַרד, אין דזשאָנס האָפּקינס און אין פיל אַנדערע גרויסע אוניווערסיטעטען ווערען געלערענט די מאָדערנע העברעאישע שפּראַך און די מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור, איז דאָס ניט נאָר אַ געווינס פאַר די בחורים און מיידלעך, וועלכע לערנען די דאָזיגע לימודים — דאָס איז אַ נאַציאָנאַל-ווירקענדיגער פאַקטאָר אויף אַלע מער פון הונדערט טויזענט אידישע סטודענטען, וועלכע לערנען זיך אין די דאָזיגע העכערע לערן-אַנשטאַלטען.

ביי מיר איז גאָר קיין ספק ניט, אַז אויב מיר האָבען איצט אַ פּאָר הונדערט אידישע יונגע מענשען, וועלכע לערנען זיך אין סיטי קאָלעדזש און אין דעם ברוקלינער קאָלעדזש אידיש און אידישע ליטעראַטור, איז דאָס אויך אַ רעזולטאַט פון דער ציוניסטישער אויפוואַכונג, פון דער מדינת-ישראל.

ווארים ס'איז פאַלש אָנצונעמען, אַז אויפ'ן געביט פון געזעלשאַפטליכער ענערגיע און גייסטיגער טעטיגקייט הערשט דער פיזישער געזעץ, אַז ווען מען גיט איין צווייג מער, בלייבט פאַר'ן צווייטען ווייניגער. פּונקט פאַרקערט — וואָס אַקטיווער אידען אַרבייטען פאַר ישראל, אַלץ וואַכזאַמער ווערט זייער געוויסען פאַר נאַציאָנאַלער אַקטיוויטעט אויך אין גלות, און וואָס מער מען וועט פאַרשפּרייטען העברעאיש, אַלץ מער וועט שטייגען דער אינטערעס פאַר אידיש און פאַר דער אידישער ליטעראַטור. דער סטודענט, וואָס וועט שטודירען אידישע געשיכטע און העברעאישע ליטעראַטור, וועט מוזען זיך אָנשטויסען אויף אַ בלויז, אויף אַ גאַנצער לאָך אין דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון אידישען פאָלק, און ער וועט זוכען און געפינען דאָס אין דער אידישער ליטעראַטור.

און אויב אויף אַ קאָנפערענץ פון לערער פון פרעמדע שפּראַכען אין אַלע אַמעריקאַנער העכערע לערן-אַנשטאַלטען ווערט איינגעלאַדען אויך אַ העברעאישער סעקטאָר, איז דאָס ווידער אַ נאַציאָנאַלער פאַקטאָר, וואָס ווירקט אויף אידישע פּראָפעסאָרען, וועמענס צאָל איז גאַנץ גרויס צווישען די לערער פון פרעמדע שפּראַכען.

מיר האָבען געוויס ניט אויסגעשעפּט די טעמע — דאָס איז ניט מעגליך אין אַ צייטונגס-אַרטיקעל. מיר האָבען נאָר אָנגערירט די אויבערפלאַך פון דער דאָזיגער גרויסער און וויכטיגער טעמע.

אָט גראָדע בשעת איך שרייב דעם אַרטיקעל, ליגט פאַר מיינע אויגען אויפ'ן טיש אַ צעטעל פון חברות און אוניווערסיטעטען, וועלכע אָרגאַניזירען האַי-יאָר רייזעס קיין ישראל — הונדערטער אידישע יונגע מענשען און אויך קריסטען וועלען פאַרברענגען אין ישראל וואָכען און חדשים — זיי וועלען זעהן אַ ניי-געבוירען פאָלק, וואָס פילט-אויס אַליין אַלע עקאָנאָמישע פונקציעס, בויט אָן אַן אייגענעם מלוכה-אַפּאַראַט, שטעלט-אויף אַ נעץ בילדונגס-אינסטיטוציעס, רייסט זיך צו גייסטיגען אויפשטייג — הכלל, אַ העלדישען קאַמף אויף פילע געביטען. און דאָס מוז מאַכען שטאָלץ די אידישע יונגע מענשען און מוז אַרויסרופען אַכטונג און דרך-ארץ ביי די ניט-אידען. זיי וועלען קומען צוריק און וועלען באַאיינפלוסען טויזענטע קרובים און פריינט, באַקאַנטע און קאָלעגען, און וועלען אויף אַזאַ אופן שטאַרקען די נאַציאָנאַלע געפילען ביי אידען אין גלות.

ישראל איז שוין, ווי יונג און שוואַך די דאָזיגע מלוכה זאָל ניט זיין, דער גרעסטער און שטאַרקסטער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר אין אידישען לעבען אין דער גאַנצער וועלט. איך ערלויב מיר צו זאָגען, אַז עס איז געווען אַ נס ניט נאָר פאַר'ן ארץ-ישראל אידענטום, נאָר פאַר'ן גאַנצען גלות-אידענטום, דער אויפקום פון דער אידישער מדינה. אָהן דעם דאָזיגען פאַקטאָר איז זיך ממש שווער פאָרצושטעלען, ווי מיר וואָלטען געראַטעוועט אונזער פאָלק פון דער שרעקליכער פאַרצווייפלונג און פון צעפאַל.

## 70-יעריגער געבורטסטאַג פון וויים-פרעז. פון סאַניטאַריום פאַר כראָניש-קראַנקע ווערט געפייערט היינט, זונטאַג

דזשייקאָב פאָגעמאַן, דער ערשטער וויים-פּרעזידענט פון אידישען סאַניטאַריום און האָספּיטאַל פאַר כראָניש קראַנקע, ראַטלאַנדראָוד און יוטיקאַ עוועניו, ברוקלין, וועט געעהרט ווערען צו זיין זיבעציג-יאָריגען געבורטסטאַג פון אַ גרויסער צאָל פריינט און מיטאַרבייטער פאַר דעם סאַניטאַריום.

דזשייקאָב פאָגעמאַן איז טעטיג אין דעם סאַניטאַריום פאַר די גאַנצע 25 יאָר זינט דער סאַניטאַריום איז געגרינדעט געוואָרען. ער איז אַ ספּעציאַליסט אין בויען הייזער און אַלס אַזעלכער האָט ער אָפּגעגעבען פריי-וויליג זיין צייט און זיין ספּעציאַליטעט פאַר דעם סאַניטאַריום. אַלע געביידעס אין סאַניטאַריום זיינען געבויט געוואָרען אונטער זיין אויפזיכט. אויך די לעצטע 2 מיט אַ האַלב מיליאָן דאָלער געביידע, וועלכע האָט זיך געעפענט פאַר נייע פּאַציענטען, איז געבויט געוואָרען מיט זיין הילף אַלס טשערמאַן פון דער בילדינג-קאָמיטע.

אין דער קאָמיטע צו פייערען זיין 70-יעריגען געבורטסטאַג באַטייליגען זיך די פאָלגענדע טוער פון סאַניטאַריום: רודאָלף סענדערס, טשערמאַן; היימאַן קווירש, דעיוויד סעראַטאַ און איזידאָר סטוירן.

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר׳ן „פאָרווערטס“ — פון ראָזע שושנה

(פאָרטזעצונג)

## ז וויל געניסען פון לעבען

סילוויא האָט רחמנות געהאַט אויף איר מאַמע׳ן, וועלכע האָט שטענדיג געהאָרעוועט.

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

אַ דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער

געשריבען ספּעציעל פאַר׳ן „פאָרווערטס“ פון שלמה בן־ישראל

(נאָכדרוק פאַרבאָטען)

(פאָרטזעצונג)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— מען זאָל כאָטש צוגרייטען אַן אַש־קעסטעל — האָט ער אַ בורטשע געטאָן און האָט זיך אַנגעלעגט אויפ׳ן לעצטער צימער פון הויז.

(ווייטערס מאָרגען)

# מאיר בערגער׳ס ערשטער דזשאָב אין אַ צייטונג

(שלום פון בינטעל־בריוו פעידוש)

געקומען אַהיים מיט אונטערגעהאַקטע זייטען און אַ צעקייַלטען און צעביילטען פּנים, האָט אים די מאַמע געגעבען דעם אמת׳ן קבלת־פּנים.

„זעהט נאָר, זעהט! קוקט אים נאָר אָן, דעם בלינדען שמשון הגיבור מיינעם! אַ פּאַיטער האָט זיך אים פאַרוואָלט ווערען! גאָוהין קריכסטו מיט דיינע אָרלעדישע אויגען? מען וועט נאָך דיר אויסגאַנצען בלינד מאַכען אין די פּאַיטס!“ האָט מאיר׳ס מאַמע געשריען אויף אים.

דער סוף איז געווען, אַז מאיר בערגער האָט געמוזט איינזעהן און צוגעבען, אַז זיין מאַמע איז גערעכט, אַז קיין טשעמפּיאָן אָדער אַ קאָלאַקען־העלד וועט שוין פון אים ניט ווערען. האָט ער באַשלאָסען צו פאַרבלייבען אין דער צייטונגס־וועלט.

# ער האָט טענות צום דאָקטאָר פאַרוואָס זיין קראַנקע ווייב איז געזונט געוואָרען

(שלום פון פעידוש 2)

# דער חלום

(שלום פון פעידוש 2)

# ווי אַזוי מ׳האָט אַמאָל אַרויסגענעבען ספרים ביי אידען

(שלום פון פעידוש 3)

# אַ גייסטיגער מאָנומענט נאָך טאָמאַס דזשעפערסאָן

(שלום פון עדיטאָריעל פעידוש)

עס איז אַ כבוד פאַר אַמעריקע, וואָס מען וועט איצט אַרויסגעבען אַלץ וואָס טאָמאַס דזשעפערסאָן האָט אין זיין לעבען אָנגעשריבען: צוויי־און־פופציג בענדער — פינף־און־דרייסיג טויזענט געדרוקטע זייטלעך — הונדערט מיט פופציג פונט אין וואָג.

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראוז שושנה

(פארזעצונג)

## ווען פון חלומות ווערט ווירקליכקייט

זי פילט ווי דער מאן קוקט נישט אין פענסטער אריין, נאר אויף איר. ער מעסט זי אפ פון קאפ ביז די פיס. זי גייט צו צו אן אנדער שויפענסטער. זי וויל זיך איבערצייגען צי דער מאן קוקט טאקע אויף איר. און כאטש סילוויא איז געוואוינט, אז מענער זאלען קוקען אויף איר, וויל זי איצט זיכער זיין אין דעם. איר ווילט זיך נאך נישט אהיים גיין, ווייל אין דער היים הערשט אין אזא צייט א זעהר טרויעריגע שטימונג.

גייט סילוויא איבער די ניו יארקער גאסען, און וואס מער זי גייט, אלץ מער דערפילט זי איר אריכקייט, און זעהט אלץ שענערע זאכען. זי שטעלט זיך ווידער אוועק נעבען א פענסטער פון א גרויס שיך־געשעפט און קוקט אויף די שיינע שיכעלעך, מיט די הויכע קלעצלעך, זי האט נאך קיינמאל ניט געטראגען קיין שיך מיט הויכע קלעצער. אייגענטליך פארשטייט זי ניט ווי אזוי מען קען גיין אויף אזעלכע שטאלצען. אבער זי ענטפערט זיך גלייך אליין: די וואס טראגט אזעלכע שיכעלעך מיט אזעלכע הויכע קלעצלעך, פארט נישט מיט'ן סאבוועי, און לויפט נישט גיך פון די טרעפ כאפען די „טרעין". מיט אזעלכע שיכעלעך, וואס האבען אזעלכע קלעצלעך, פארט מען אין אן אטאמאביל.

זי זעהט ווידער דעם זעלבען מאן וואס פריער, ווידער שטייט ער נעבען איר ביים שויפענסטער. קוקט ניט אין פענסטער, נאר אויף איר.

סילוויא גייט אוועק פון דעם שויפענסטער און גייט גלייך צו צו א צווייטען. זי דערזעהט ווידער דעמזעלבען מאנספארשוין שטיין לעבען איר.

זי פארהאלט זיך לענגער ביים שויפענסטער און דער מאן שטייט אלץ און קוקט אויף איר. עס מאכט איר שפאס. און זי גייט צו צו אן אנדער פענסטער, און דער מאן גייט אלץ הינטער איר.

ענדליך גייט ער צו נאהענט צו איר און זאגט:

— ענטשולדיגט. איך האב אייך ערגעץ־וואו געזעהן. אבער איך קאן זיך ניט דערמאנען וואו. קאנט איר מיר ניט זאגען אייער נאמען?

סילוויא, וועלכע ווייסט נאך ניט, אז דאס איז אן אלטער טריק פון מענער, וועלכע ווילען פארטשעפען א פרוי, האט זיך ווי עפעס דערפרייט, וואס אזא עלעגאנטער מאן קאן זי פון ערגעץ, און זי האט גיך געענטפערט:

— מיין נאמען איז סילוויא שטיין. אבער ווי איך האב אייך געטראפען גערענק איך נישט. איר מוזט מיר ענטשולדיגען.

זי האט געקוקט אויף דעם עלעגאנטען מאן, וועלכער האט שוין געהאט גרויע האר פון ביידע זייטען בארד, און האט אויסגעזעהן לויט זיין קליידונג ווי א רייכער מענש.

— איך בין דזשאן הילפילד, אפשר וועלען מיר באגיסען אונזער ווידערטרעפען זיך — האט דער פרעמדער מאן געזאגט צו איר, נעמענדיג זי דרייסט אונטער'ן ארעם.

סילוויא איז ניט געוואוינט געווען צו אזא ענערגישער האנדלונג. זי איז געווען געוואוינט, אז אירע קאלעגען זאלען פארשעמט און נישט דרייסט זי בעטען מאכען מיט זיי א „דעיט". מען זאל צו איר זיפצען מיט פארליבטע אויגען. אבער איינער זאל זיין אזוי ענערגיש און נעמען זי גלייך אונטער'ן ארעם. דאס האט נאך מיט איר ניט פאסירט. און דאס האט אויף איר זעהר גוט געווירקט.

דער דזשענטעלמאן האט זי געהאלטען פעסט אונטער'ן ארעם און זי אריבערגעפירט איבער'ן וועג.

— אט זיינען מיר גראד ביי א פיינעם רעסטאראן! — האט דער פרעמדער, וועלכער האט זיך פארגעשטעלט פאר איר מיט'ן נאמען דזשאן הילפילד, געזאגט צו איר, דריקענדיג איר ארעם.

— ווי אזוי האב איך גאר געקענט פארגעסען דעם נאמען פון אזא וואונדערבאר שיין מיידעל. איך בין גליקליך, מיס סילוויא, וואס איך האב אייך ווידער געטראפען.

סילוויא האט זיך אפילו נישט געקאנט דערמאנען וואו זי האט געטראפען אם דעם עלעגאנטען מאנספערשוין, אבער דאס, וואס ער גייט מיט איר אריין אין אזא עלעגאנטען רעסטאראן איז שוין גענוג געווען, אז זי זאל זיך דערמיט זעהר דערפרייען. אין אזא עלעגאנטען רעסטאראן איז זי נאך קיינמאל ניט געווען.

זי האט דערזעהן די עלעגאנטע וועיטערס, די עלעגאנטע אויסשטאטונג פון דעם דאזיגען רעסטאראן. זי האט ניט געוואוסט וואוהין פריער צו קוקען.

איר באגלייטער איז געווען זעהר עלעגאנט. ער האט איר באלד געהאלפען אויסטאן דאס זשאקעטעל, אוועקגעזעצט זיך מיט איר אין א לאזשע. דאס איז געווען אין דער צייט, ווען די לאקאלען זיינען פוסט, נאך צו־פרי פאר „קאקטעילס", און פאר דינער אוודאי.

און דזשאן הילפילד איז באלד ארומגערינגעלט געווארען פון דעם הויפט־וועיטער און פון א גאנצען „סטעף" מיט וועיטערס, וועלכע האבען אים באגריסט מיט פרייד און רעספעקט.

סילוויא האט באלד באקומען דרך ארץ פאר איר באגלייטער, ווייל זי האט פארשטאנען, אז ער מוז זיין א רייכער מענש, וואס די וועיטערס ווייזען אים ארויס אזוי פיל אויפמערקזאמקייט. און ווידער האט זי געטראכט: אי, ווי גוט עס איז צו זיין רייך!

דזשאן הילפילד האט באלד געגעבען באשטעלען די טייערע שפייזען. ווען ער האט זי געפרעגט, וואס זי וויל טרינקען און וואס זי וויל עסען? האט זי געענטפערט, אז זי פארלאזט זיך אויף אים. און ער האט טאקע באוויזען, אז מען מעג זיך אויף אים פארלאזען.

סילוויא איז געווען ממש גליקליך. זי עסט און טרינקט פונ'ם טייערסטען. זי האט זיך דערמאנט ווי נעבעך האט זי א „באי" אריינגערופען אויף „אייז־קרים". זי איז גראד געווען הונגעריג. זי וואלט בעסער געטרונקען א גלאז קאווע מיט „קעיק". אבער זי האט זיך געשעמט פאר'ן באי צו זאגען, אז זי וויל עסען און האט געשלונגען ווי א הייזעריק דעם אייז־קרים. און דא גיט מען איר אזוי פיל רייכע מאכלים.

די „באים" ווייסען גאר ניט, האט זי געטראכט. אט אזא מאן ווייסט ווי אומצוגיין מיט א לעידי.

— אי, ווי גוט עס איז צו זיין רייך! די יונגע באים קאנען קיינמאל נישט ספענדען אזוי פיל געלט. ווייל זיי מוזען דאך באקומען דאס געלט פון זייערע עלטערן, „טאשען־געלט"; אבער אזא איינער, ווי דער איצטיגער דזשענטעלמאן, ער האט זיין אייגענע געלט, ער קאן ספענדען וויפיל ער וויל, ער דארף ביי קיינעם ניט בעטען.

און אזא מיטעליאריגער „דזשענטעלמאן", וואס א יונג מיידעל פארלאנגט, באווארפט ער זי מיט קאמפלימענטען, און דאס ווירקט אויף דעם יונגען קינד.

סילוויא איז באלד נאך די ערשטע פאר גלעזלעך געווארען שיכור און זי האט נאר געהערט ווי איר באגלייטער רעדט צו איר, אז אזא שיינהייט ווי זי דארף זיין אנגעטאן אין זייד און סאמעט; אזא שיינער האלז דארף טראגען די טייערסטע פערל, אז אזעלכע פינגער דארפען טראגען דימענטען.

איר איז געווען גוט פון די רייד. זי האט ניט געהערט, ווען זי האט געפילט זיינע קושען אויף איר האלז; עס האט זי ניט געארט, ווען זי האט געפילט, אז זיינע הענט בלאנדזשען אויף אירע פלייצעס; זי האט נאר געהערט זיינע ווערטער, אז אויב זי וועט נאר פארלאנגען וועט זי האבען אלץ: דימענטען, פערל, מינק־קאוטס, פאלאצען און אויטאמאבילס.

זי איז געווארען נאך מער שיכור פון זיינע רייד, ווי פון דעם וויין.

ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון רעסטאראן האט ער זי צוגעפירט צו זיין קאר.

ווען סילוויא האט דערזעהן די עלעגאנטע קאר איז זי גאר געווארען ענטציקט. זי האט אויך געלאכט, און ווי א יונגע סארנע אריינגעשפרונגען און אריינגעפאלען אין דעם זייד־פלאץ און זיך דארט צעלעגט אזוי ווי א פרינצעסין, אזוי ווי די קאר וואלט שוין געווען אירע.

(ווייטערס מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

זייענדיג אליין אין שטוב האט עלינאר דעמאלט ליב געהאט צו זיצען ביים אפענעם פענסטער און ארויסקוקען צו דער גאס א פארטראכטע. און דעמאלט האבען ווי פון זיך אליין גענומען זיך וועבען אין איר געדאנק אלערליי וואונדערליכע חלומות און פארשטעלונגען, וואס מיט איר וועט זיין. אונטען, אין גאס, האבען געשריען און געפילדערט די קינדער, זייענדיג פארטאן אין זייערע שפילערייען, און זי האט גע'חלומ'ט וועגען איר און סאני'ן, זיי וועלען ביידע זיך אוועקלאזען אויף א ווייטער רייזע און זיי וועלען וואנדערען פון איין לאנד אין אנדערען, ביז זיי וועלען זיך אפשטעלען ערגעץ אויף א אינזעל. דארט אויפ'ן אינזעל וועלען זיין גרינע פאלמען־בוימער און א ברייטער, אפענער ים וואו זיי וועלען זיך אלע טאג באדען. זיי וועלען לעבען צווישען האלב־ווילדע מענשען, און קיינער וועט ניט וויסען פון זיי.

אויך לארי האט נאך דעמאלט געהאט אן ארט אין אירע חלומות. זי וועט אין אירע וואנדערונגען אים באגעגענען פליצלונג. לארי וועט זיין פארבענקט. ער וועט אויסזעהן מיד און אויסגעבלייכט פון ארומזוכען איר. נאר זי, עלינאר, וועט דעמאלט זיין מיט סאני'ן, און ער וועט נאר קענען קוקען אויף איר פון דער ווייטענס. און זיי וועלען ביידע נאר קענען שמייכלען איינע צו די אנדערע מיט אומעטיגע בליקען.

עלינאר איז דעמאלט ווי ארומגעגאנגען איבער צוויי וועלטען, די ווירקליכע, וואכעדיגע וועלט, און די וועלט פון אירע חלומות. און אין אט דער אויסגעטראכטער וועלט האט זי זיך געפיהלט היימישער ווי אין דער ווירקליכקייט וואס ארום איר.

### קאפיטעל פערציג

סאני'ס טאטע, סאל רובינאף, איז טאקע געווען רייך, און סאני האט זיך געקענט פארגינען די אלע לוקסוסען מיט וועלכע ער האט זיך ארויסגעוויזען פאר עלינאר'ן. סאל רובינאף איז געווען א מאנופעקטשורער פון קאטענע דרעסעס און ער האט געפירט זיינע ביזנעס אויף גאר א ברייטען פארנעם. ער האט געהאט פעקטארים ניט נאר דא אין שטאט, נאר אויך „אוט־אוו־טאון". און אהן א שיעור מענשען האבען פאר אים געארבייט. אין דעם דרעס־מארקעט האט מען אים גוט געקענט. ער האט, ווי א סך אריבערגעקומענע אימיגראנטען, אנגעהויבען פון גאר קליין. און איצט האבען מענשען אים געשאצט אין א סך טויזענטער.

סאל רובינאף איז אריבערגעקומען אהער מיט יארען צוריק פון א קליין ליטוויש שטעטעל אין גראדנער גובערניע. זיין טאטע איז דארט געווען א גרויסער תבואה־הענדלער, און ער האט געשיקט זיין זוהן שטודירען אין אוניווערסיטעט. נאר ער, דער זוהן, סאלאמאן, איז געווען א הייסער רעוואלוציאנער און ער האט ניט געוואלט נוצען דעם טאטענ'ס געלט, נאר האט זיך דערנערט דורך „אוראקען", דורך לערנען מיט קינדער.

סאלאמאן רובינאוו האט זיך דארט באקענט מיט א מיידעל, אידא, וואס איז געווען א שניידערקע פון פאך. זי אויך האט געגלייבט אין זעלבען אידעאל וואס ער. זיי האבען באלאנגט צו דעם זעלבען רעוואלוציאנערען קרייזעל, וואו ער, סאלאמאן, האט געלערנט מיט די ארבייטער דעם סאציאליזם. ער און אידע האבען זיך דעמאלט פארליבט און זיי האבען ביידע חתונה געהאט. ביידע זיינען דערנאך אריבערגעקומען אהער אין לאנד אין דעם יאר פון נייטצעהן־הונדערט־און־פינף, אינאיינעם מיט דער גרויסער מאסע איבערוואנדערער. דער איינציגער פארמעגען וואס זיי האבען געבראכט מיט זיך איז געווען זייער טיפער גלויבען אין א בעסערער און שענערער וועלט.

אידא רובינאף, וואס איז געווען א שניידערין פון דער היים, האט דא איינגיכען געקראגען ארבייט אין א שאפ פון קאטען־דרעסעס. זי איז געווארען אן אפרעיטארין ביי דער מאשין און איר מאן, סאלאמאן, האט נאך א לאנגע צייט זיך ארומגעדרייט מיט גארניט און עס איז אים שווער געווען צו עפעס זיך דערשלאגען, ביז אידא האט געזעהן, אז מען זאל איר מאן ארויפנעמען צו איר אין זעלבען שאפ פאר אן ארויסהעלפער אויפ'ן „פלאר", צו טאן דארט אלערליי נייטיגע ארבייטען.

זיי ביידע, סאלאמאן און אידא, האבען די ערשטע יאהרען דא אין לאנד דורכגעלעבט געמישטע געפילען. זיי זיינען נאך מיט אלע חושים געווען דארט, אין יענעם לאנד וואו זיי זיינען געבוירען און וואו זייער יוגענט איז אריבער, מיט א בענקעניש נאך די טיפע סאסנאווע וועלדער און די ווייסע בעריאזעס, נאך די שטעטלדיגע, שמאלע געסלעך, וואו יעדערער האט איינער דעם אנדערען געקענט. און די לידער, מיט די פארבענקטע, רוסישע מעלאדיעס. און זיי זיינען פול געווען מיט ווידערווילען צום היגען לאנד, צו אמעריקע, וואו נאר דער דאלער האט די איבערהאנט.

אין דער זעלבער צייט האבען זיי אנגעהויבען זעהן וואונדער אין היגען לעבען. די רעוואלוציאנערע לאזונגען וועגען אלערליי פרייהייטען, וואס זיינען דארט אין דער ווייטער היים נאר געווען אויף דער פראגראם, זיינען דא שוין געווען דורכגעפירט אין ווירקליכען לעבען. א לאנגע צייט איז סאלאמאנ'ען און אויך אידא'ן געווען שווער צו דערפיהלען דעם אמת'ען טעם פון א פרייען לעבען. אז זיי זיינען געגאנגען אמאל אין גאס און באגעגנט א פאליסמאן, האט רובינאף ניט ווילענדיג זיך נאך א כאפ געטאן צו דער קעשענע, אויב ער האט ניט מיט זיך זיין פאספארט, די נויטיגע פאפירען...

— כ'האב גאר פארגעסען, ס'איז אמעריקע — האט ער געזאגט צו זיין ווייב. און זיי ביידע האבען געלאכט. נאר טיף ביי יעדען אין הארצען איז נאך געלעגען עפעס אן אומבאוואוסטע שרעק, און פאר זייערע אויגען האבען זיך אפט נאך א טראג געטאן בילדער פון די דורכגעלעבטע צייטען, פון טורמעס, פאגראמען און פארוויסטונג.

געוואוינט האבען די רובינאוום אויף דער „איס־סאיד". אין ענגשאפט און אין ארימקייט און אין נויט. מיט טעג פון שווערע ארבייט און טעג פון „סלעק". נאר דערפאר זיינען די וואוינונגען געווען רייך מיט גייסט. מיט לעקציעס און אומזיסטע קאנצערטען און אלערליי קורסען. מיט שטורעמדיגע מיטינגען אין די יוניאנס און אויך ביי לאנדסלייט. רובינאף האט גיך אויפגעכאפט דאס ענגלישע לשון און סאלאמאן, וואס האט שוין דעמאלט געהייסען סאל, איז געווען פול מיט נייער ענערגיע און ער איז געווען גרייט צו פאנאנדערנעמען די הענט פאר א נייעם אויפטו.

זיי האבען שוין דעמאלט געהאט צוויי קינדער. א מיידעל דאראטי און א באי סאני. און אידא האט שוין דעמאלט ניט געקענט גיין ארבייטען אין שאפ, נאר זי האט געדארפט פארבלייבען אין דער היים מיט די קינדער. האט סאל, וואס האט נאך אלץ געארבייט אלס א יונג אויפ'ן „פלאר", גענומען זיך אריינטראכטען טיפער ווי אזוי צו פארדינען מער געלט פאר זיין פאמיליע. און איינמאל, אז ער האט אזוי געהאלטען אין פארפאקען קעסטלעך מיט פארטיגע דרעסעס און אנשרייבען די אדרעסען וואוהין מען דארף דאס צושיקען, האט ער מיט אמאל געגעבען א טראכט ביי זיך: — מען דארף נעמען זיך בעסער צוקוקען ווי עס טוט זיין באלעבאס פון שאפ. ווי אזוי און וואו ער פארקויפט די אויפגענייטע דרעסעס. — און עס איז אים באלד איינגעפאלען:

„פארוואס זאל ער, סאל, אליין ניט פרואווען טאן דאס זעלבע. אויסארבייטען דרעסעס און זיי דערנאך פארקויפען? אזוי פיל שכל ווי זיין באלעבאס האט ער דאך אויך...

און דעמאלט איז דאס געשעהן. סאל רובינאף האט זיך שטילערהייט אויפגערעדט מיט נאך איינעם א מענשען פון שאפ, מיט דעם קאטער. און ביידע האבען באשלאסען צו עפענען א שאפ בשותפות. דער קאטער האט נאך געהאט מער ווי א הונדערט דאלאר מזומן. דאס איבעריגע האבען זיי אפגעמאכט צו לייען ביי זייערע פריינט. סאל האט געדארפט זיין דער „אוט־סאיד" מען, אנצוזוכען באצייטען קונהען מיט קאסטאמערס פאר זייערע פארטיגע דרעסעס. אין דעפארטמענט־סטארס און אזוי סטארס פון דרעסעס. סאל האט אין דעם ענין גלייך געכאפט דעם שניט. זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ איז אים דא א סך צונוץ געקומען.

(ווייטערס מארגען)



## ווי אזוי מאיער בערגער האט אפגענארט דעם אויגען־דאקטאר צו קענען ווערען א סאלדאט

(שלוס פון בינטעל־בריף פעידזש)

פאיט, מיאוס פארלארען, און איך האב פארשעמט די קאמפאני פאר די אויגען פון אלע אנדערע, וועלכע האבען געקיבעצט און אפגעלאכט פון אונזער קאמפאני, הלמאי זי האט ניט געהאט קיין שטארקערען פארטרעטער.

— נו, האבען מיר קיין צרות ניט געפעלט. כ'בין געווען צעקיילט און צעביילט און יעדער ביין אין מיין קערפער האט מיר ווי געטאן. ס'איז מיר שווער געווען צו מושטירען זיך פאר די נעקסטע פאר טעג. דערנאך האבען מיר די סאלדאטען פון מיין קאמפאני ניט אויפגעהערט צו יאקען. כ'האב דאן געמאכט א נדר, אז כ'וועל זיך מער ניט פאיטען.

אבער ווען דער 106טער רעגימענט איז ארויסגעשיקט געווארען פון ניו יארק אין קעמפ וואדסווארט, סאוט קאראלאינע, האבען זיך די באציהונגען צו מאיער'ן געענדערט צום גוטען. די מערסטע אנדערע סאלדאטען פון מאיער'ס קאמפאני זיינען געווען שטומפיג אויף עברי. און אז זיי האבען געדארפט שרייבען בריוו אהיים פלעגען זיי דארפען אנקומען צו אימיצען. מאיער בערגער איז געווען איינער פון די ווייניגע גראמאטנע צווישען זיי און ער איז געווארען דער „קארעספאנדינג־סעקרעטערי" פאר די מערסטע מיטגלידער פון זיין קאמפאני. ער פלעגט שרייבען בריוו פאר זיינע „בארים" (חברים). זיי האבען אים דערפאר גענומען טראגען אויף די הענט.

א טאג איידער מאיער בערגער האט געדארפט אפגעשיקט ווערען „אוועדסים" דאס הייסט, קיין פראנקרייך, האט מיט אים פאסירט א צרה. צוריקקערענדיג זיך אין קעמפ נאך א באזוך אין שטאט, האט ער פארלארען זיינע אויגענגלעזער. ער האט געוואלט אריבערקלעטערען א פלויט און די ברילען האבען זיך ארונטערגעגליטשט פון זיין נאז. ס'איז געווארען א חושך־מצריים'דיגע שבת־צו־נאכט. מאיער האט גענומען טאפען אין דער פינסטערניש, זוכען די ברילען און ער האט זיי ניט געפונען.

אויף מארגען, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, האבען זיך מאיער בערגער און זיינער א פריינט ארויסגעלאזט זוכען די ברילען. זיי האבען געזוכט און געזוכט און ניט געפונען קיין שפור צו זיי. אויפ'ן וועג צוריק אין קעמפ זיינען זיי פארבייגעגאנגען א שכנה'דיגע פארם. האבען זיי באמערקט א פארמער וואס האט זיך געהוידעט אויף א ראקינג טשער אויפ'ן פארטש. ער האט געטראגען א פאר ברילען אויפ'ן נאז.

— לאמיר אים פרעגען, אפשר האט ער געפונען די ברילען? — האט פארגעשלאגען מאיער'ס חבר.

— וואס האבען מיר צו פארלירען? — האט מאיער איינגעשטימט. האבען זיי געפרעגט דעם פארמער צי ער האט געפונען א פאר ברילען.

— יעס, כ'האב היינט אינדערפרי געפונען א פאר ברילען. אט זיינען זיי. כ'דארף זיי ניט. איך קען אויסקומען אהן זיי — האט דער פארמער געזאגט צוריקגעבענדיג מאיער'ן די אויגענגלעזער.

— אבער ס'איז געווען בלויז די פרעים. מאיער'ס ברילען האבען ניט געפאסט פאר'ן פארמער. האט ער אויסגעזעצט די גלעזלאך און אנגעטאן די פרעים — האט מיר מאיער דערציילט.

ער האט ניט באוויזען צו קריגען נייע ברילען און ער איז שוין אויסגעקומען אהן ברילען די גאנצע צייט פון קריג.

— כ'בין איינער פון די ווייניגע סאלדאטען, וואס קענען זאגען, אז זיי האבען זיך געשלאגען אין שלאכטען און ניט געזעהן די מלחמה — וויצעלט זיך מאיער.

זיין קורצזיכטיגקייט, בעסער געזאגט, בלינדקייט, האט אים ווייט ניט געשטערט אויסצוצייכענען זיך אין דער מלחמה. ער איז פארוואונדעט געווארען אין א שלאכט ביי דער „הינדענבורג־ליין" און ער האט געקראגען א „פוירפל הארט" מעדאל. ער האט אויך געקראגען א „פוירשינג סאיטעשאן" פאר העלדישקייט.

(דער אנדער טייל פון דער סאיטעשאן איז פארקלעפט מיט פאפיר, עס זאל זיך ניט צערייסען. און ווייסט איר מיט וואס ס'איז פארקלעפט? מיט א טייל פון א אידישער צייטונג.)

ווען דער 106טער רעגימענט האט זיך צוריקגעקערט פון פראנקרייך און האט זיך באטייליגט אין גרויסען זיגפאראד אויף דער פינפטער עוועניו, האט מאיער מארשירט מיט זיין רעגימענט.

— כ'האב ניט געזעהן דעם פאראד, פונקט ווי כ'האב ניט געזעהן די מלחמה. מ'האט מיר דערציילט אז עס איז געווען א געהויבענער פאראד — ערקלערט זיך מאיער.

די סאמע ערשטע וואס ער האט געטאן נאך זיין באפרייאונג, איז — צו קויפען זיך א פאר ברילען.

(אין נעקסטען ארטיקעל וועט דערציילט ווערען ווי אזוי מאיער בערגער איז געווארען א רעפארטער און ווייטערע אינטערעסאנטע איינצעלהייטען פון זיין מערקווירדיגער קאריערע.)

(ווייטערס מארגען)

## פון פאלק צו פאלק

(שלוס פון פעידזש 2)

ס'איז ניטא וואס צו זעהן און וואס צו הערען. לויט מיין מיינונג, דארף מען שווארץ'ען געבען קרעדיט פאר אויפפירען פיעסען אזוי ציכטיג און ריין, מיט אזוי פיל דרך ארץ פאר'ן אידישען ווארט און אידישער קולטור. איך פיהל א מאדנע אפגעפרישטקייט און דערהויבענקייט יעדעס מאל, ווען איך זעה א פיעסע אין שווארצ'ס אויפפירונג. איך פיהל, אז איך בין ניט די איינציגע וואס דענקט און פיהלט אזוי.

מרס. פערל מאסקאוויטש,
1532 לאונדייל עוו., שיקאגא, איל.

## זיצענדיג ביים טעלעוויזשאן — וואס מען זעהט און וואס מען הערט

(שלוס פון עדיטאריעל פעידזש)

רען, מענשען מיט אן עטישען צוגאנג צו פראגעס. זיי זיינען מענשען פון מיטעלען שטאנד — ניט צו־רייך, ניט צו־ארים; ניט קיין „האי בראוס", ניט קיין „לאו בראוס". ס'איז א פראגראם צו וועלכען א מענש מיט א געוויסער מאס בילדונג קען זיך צוהערען.

מר. און מרס. בארבאר האבען פינף קינדער: א צווילינג, פאול און העיזעל; קלאדיא, קליפארד און דזשעק. אין די אכצען יאר וואס די פראגראם ווערט געהערט אויף דער ראדיא, האבען שוין אלע פינף בארבאר קינדער צו עטליכע מאל חתונה געהאט, און צו עטליכע מאל זיך גע'גט. דער זוהן קליפארד, צום ביישפיל, האט שוין געהאט צוויי פרויען, און ביידע זיינען געשטארבען. דער עלטסטער זוהן, פאול, איז אן אלמן, וועלכער האט א צווייטען מאל שוין ניט געהייראט. ארום־און־ארום האבען די בארבארס דרייצען אייניקלעך.

דאס איז אלץ גערעדט וועגען דער ראדיא פראגראם.

מיט דער ראדיא פראגראם: „וואן מענ'ס פעמילי" בין איך פערזענליך ניט באקאנט. אלץ וואס איך ווייס דערפון האט מיר דערציילט דער נעקסט־דארינגער. כ'בין אבער יא באקאנט מיט דער טעלעוויזשאן פראגראם וואס טראגט דעמזעלבען נאמען. אזוי ווי די באטרעפענדע פראגראם הייסט „וואן מענ'ס פעמילי", שפילט דער מאן, מר. בארבאר הייסט עס, די הויפט ראלע; ער האט די הויפט דעה. איר'ט זיך, האפענטליך, דערמאנען, אז אין „דהי גאלדבערגס" שפילט די ווייב, מאלי, די הויפט ראלע; זי האט די הויפט דעה. דזשעיק גאלדבערג, דער מאן, האט א שטיקעל דעה, א פיצעל דעה — ניט מער. פון צייט־צו־צייט מאכט ער א געשריי, אדער גיט א בורטשע, אדער סטראשעט — און דערמיט פארענדיגט זיך עס. די „מאכערקע" איז מאלי גאלדבערג.

אבער אין „וואן מענ'ס פעמילי", ווי שוין באמערקט, איז מיסטער בארבאר דער גאנצער קנאקער. ער טענה'ט זיך אוים מיט די קינדער. ער שטראפט זיי. ער דאגה'ט וועגען זיי. ער איז דער הויפט בעל־דעה. די ווייב זיינע — מיסעס בארבאר — מישט זיך כמעט ניט אין אירע קינדער'ס עסקים.

כ'מיין, אז אין אט־דעם פרט איז „דהי גאלדבערגס" מער איבערצייגענד", ווי „וואן מענ'ס פעמילי". איך בין פערזענליך באקאנט מיט אפשר 50 פאמיליעס, און כ'ווייס ניט פון קיין איינציגען פאל, וואו דער מאן האט די הויפט־דעה אין הויז. ס'מיינט ניט, אז די מענער אין די באטרעפענדע פאלען זיינען לעמעשקעס, וכדומה. ס'מיינט אבער, אז ווען ס'קומט צו פאמיליע־זאכען, ווען ס'קומט צו דער ערציהונג פון קינדער, ווען ס'קומט צו באשליסען וואו צו גיין אדער וואו צו פארען, ווען ס'קומט צו דער הויזגעזינד — דארט טראגט די ווייב די הויזען. פילעכט איז דאס אזוי בלויז אין אידיש־אמעריקאנער היימען — כ'ווייס ניט! וואס דענקט איר?

* * *

פאראן א „ווייבערשע" פראגראם — מיט א „מאנסבילשען" אונטערשלאג. דער נאמען דערפון איז: „לייו איט טו דהי גוירלס" — פארלאזט זיך אויף די מיידלעך — יעדען זונטאג, פון 7 ביז 7:30 אין אווענט, אויף טשענעל 4. די „מיידלעך" — אין ס'רוב פאלען, זיינען גראד פארהייראטע ווייבלעך — אבער דאס איז א נעבען־זאך. די אנפירערקע פון דער פראגראם איז א שיינהייט מיט'ן איירישען נאמען מעגי מעק'נעלים. די שטענדיגע אנטיילנעמערקעס טראגען אזעלכע איירישע נעמען ווי דאראטי קילגעלען, עלאאיז מעק'קעלהאן, בעטי פוירנעס, פלארענס פריטשי, א. אז. וו. אויף יעדער פראגראם איז אויך אנוועזענד איין מאנסביל — „איינער אבער א גוטער".

דער געדאנק פון דער פראגראם איז: דער אייביגער קאמף צווישען מענער און פרויען; די אייביגע קאנקורענץ; די אייביגע מיספארשטענדענישען. ס'איז ניט קיין „ערנסטע" פראגראם — אייב מיט'ן ווארט „ערנסט" מיינט איר א פראגראם אויף וועלכען מ'פארגיסט טרערען. ס'איז א לייכטע, אמוזאנטע פראגראם — די „מיידלעך" קיבעצען דעם איינגעלאדענעם מאנסביל; דער איינגעלאדענער מאנסביל זאגט אריין די „מיידלעך". ביים ענדע פון דער פראגראם איז מען דעם איינגעלאדענעם מאנסביל מכבד מיט א גאלדענעם „ריסט וואטש" — אלס באלוינונג אדער פארגיטיגונג.

ווער קומט ארוים דער זיגער פונ'ם ווערטער־קאמף — די פיר (לאמיר זיי אנרופען) מיידלעך, אדער דער איינ־און־איינציגער מאנסביל? איך וואלט געזאגט: די פיר מיידלעך. אוי, זיינען זיי שארפזיניג! אוי, זיינען זיי בייסיג! אוי, קענען זיי אריינזאגען דעם מענערישען געשלעכט! די בייסיגסטע איז: עלאאיז מעק'עלהאן. די שכלדיגסטע איז: דאראטי קילגעלען. די אנגענעמסטע איז: בעטי פוירנעס. מעגי מעק'נעלים, די טשערלעידי, האלט זיך שטריינג אומפארטייאיש. אבער מ'קען זעהן, אז זי איז א „סאפרעדזשעטקע" איינע אין אמעריקע. א טשיקאווע פראגראם!

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

עס איז אוועק א שטיקעל צייט און סאל רובינאף מיט זיין שותף האבען שוין געהאט פאר זיך א קליינעם שאפ מיט עטליכע מאשינעס. זיי זיינען גע־ווארען מאנופעקטשורערס פון קאטען־דרעסעס און עס איז אוועק גוט. סאל האט גענומען פארדינען מער געלט אויפ'ן לעבען און אידא, זיין ווייב, איז אוודאי געווען צופרידען.

פון די צוויי קינדער, וואס די רובי־נאפס האבען געהאט, איז סאני, דער אינגערער באי זייערע, געווען דער וואונדער ביי זיי אין שטוב. פון זיין פריסטער יוגענט אן האט מען שוין געקענט זעהן, אז עס וואקסט ביי זיי נים קיין געוויינליך קינד, מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען און מיט זיין פארשטאנד. די פראגעס, וואס ער האט געשטעלט זיין טאטע־מאמע, איז פשוט געווען שווער צו פארענטפערען. און אז ער האט אנגעהויבען גיין אין סקול האבען די לערער אויך געלויבט זיינע גרויסע פעהיגקייטען. איידער דער לערער אין סקול האט געענדיגט עפעס ערקלערען פאר די קינדער, האט ער עס שוין אויפגעכאפט. סאני האט כמעט נים געדארפט מאכען זיינע לעקציעס. ער האט נאך אן עפען געטאן דעם ביך, ער האט דורכגעקוקט מיט די אויגען די שורות און ער האט שוין געוואוסט וואס דארטען טוט זיך. אן אפענע קאפ אין גאר.

אויך דער אויסזעהן סאני'ס איז גע־ווען זעהר א שיינער. פון הויכען וואוקס, א גלייכער, א שלאנקער, מיט איידעלע, געטאקטע שטריכען פון זיין פנים.

אוודאי איז דאס עלטערע קינד, דאראטי, אויך געווען א שיין און גע־ראטען מיידעל. זי האט זיך גוט געלע־רענט און געהאט פארשטאנד. נאר אנטקעגען סאני'ן איז זי אזוי ווי פאר־טונקעלט געווארן. עפעס ווי אוועקגע־שטופט געווארן אן א זייט. און ווע־גען איר האט מען ניט פיל גע־רעדט. סאני האט די שטוב פארשיינט און פארנומען דעם אויבענאן, און אידא, די מאמע, האט דערפילט אין זיך די ערנסטקייט פון דערציהען אזא אויסערגעוויינליך קינד. און אלע אנ־דערע אינטערעסען האט זי פארבוי־גען אן א זייט, אז זי זאל זיך קאנען אפגעבען נאר מיט סאני'ן.

אז סאל רובינאף איז אין אווענט געקומען אהיים, איז ער נאך געווען מיט דעם אימפעט פון שאפ. די ערש־טע זאך וואס ער האט אין זינען גע־האט, איז צו פרעגען ביי זיין ווייב אידא'ן:

— וואו איז סאני? וואס טוט ער איצט?

ער איז געווען זיכער, אז אידא וועט אים יעדען מאל איבערגעבען די גוטע נייעס וועגען זייער זוהן, ווי ער וואקסט און פראגרעסירט אין לערנען.

ער אליין, סאל רובינאף, איז עפעס ווי ניט ווילענדיג אריינגעשלעפט גע־ווארען אין אן אנדער פרעמדער וועלט. אין דער וועלט פון ביזנעס, וואס פא־דערט אים אינגאנצען און זי גיט אים נים קיין צייט צו אפכאפען דעם אטעם און פארטראכטען זיך וועגען עפעס אנ־דערש אויסער דעם, אז זיין שאפ זאל גיין גוט און האבען ערפאלג. אלץ פון וואס ער האט אמאל גע'חלומ'ט, די הויכע אידעאלען וועגען א שענערען לעבען. אלץ וואס ער האט אליין נים דערגרייכט, האט סאל רובינאף גע־האפט אריינצוגעבען אין זיין זוהן. סאני וועט שוין נים האבען אזא שווע־רען לעבען ווי ער אליין האט געהאט, און ער וועט פארטזעצען דאס וואס זיין טאטע האט אנגעהויבען.

סאני איז שוין געגאנגען אין הא־סקול, און ערשט דא האבען די גרויסע פעאיגקייטען זיינע זיך גענומען פור־נאנדערוויקלען. לויט ווי אידא, זיין ווייב, האט אים איבערגעגעבען, האט עס אויסגעזעהן ווי סאני וועט איבער־כען איבערשטייגען זיינע לערער... ער האט זיך אויסגעצייכענט אויף אלע גע־ביטען, אין געשיכטע, אין מאטעמא־טיק און אין דער ענגלישער שפראך. זיינע קאמפאזיציעס האבען פארוואונ־דערט די לערער. זיין פיינער ענגלי־שער סטיל און די אייגענארטיגע גע־דאנקען, וואס ער האט אין זיי ארויס־געזאגט. חוץ דעם האט סאני ארויס־געוויזען אויך ארטיסטישע נייגונגען. ער איז געווען גוט אין צייכענען, אין מאלען בילדער. אז ער האט אנגעצייי־כענט א „סקעטש" פון א לעבעדיגען מענשען, האט מען געקענט מיינען, אז ער איז אן אמת'ער מאלער. סאני האט אויך זיך אויסגעצייכענט אין פיאנא שפילען. און ער האט שוין אפילו געמאכט א פרואוו צו שאפען אן אייגענע קאמפאזיציע. אידא, זיין מא־מע, איז געווען איבערוועלטיגט: „זיי וועלען האבען אן ארטיסט אין דער פאמיליע..." ביי איר אליין האט דאך אויך געלעבט א פארלאנג פאר העכע־רע זאכען, וואס איז נאך פארבליבען אין איר פון אמאל, אין דער היים, ווען זיי האבען געלע־ענט אין די סאציא־ליסטישע קרייזלער וועגען א שיינער צוקונפט.

טאטע־מאמע האבען געוואוסט, אז פאר אזא קינד ווי סאני מוז מען זיך גוט אנשטרענגען און נים שפארען קיין געלט, אז סאני'ן זאל גארנים פעלען. ער האט געקענט גיין הערען די בעסטע קאנצערטען און פארשטע־לונגען אין טעאטערס און אין נאך אנ־דערע אינטערעסאנטע ערטער, אז זיין גוטער געשמאק זאל זיך נאך מער אנטוויקלען.

די רובינאפס האבען דאך געהאט נאך א קינד, די מיידעל דאראטי. נאר וועגען איר האט זיך דערמאלט ווייניג גערעדט אין שטוב. פארוואס? דא־ראטי'ן אליין האט דאס שטארק ווי געטאן. און נים ווילענדיג האט זי אנגעהויבען פילען אייפערזיכטיג אנט־קעגען איר ברודער סאני'ן. רק סאני, די גאנצע שטוב איז פול מיט אים. מיט דער צייט האט זיך אנגעקליבען א ביטערקייט אין הארצען ביי איר אנטקעגען איר אייגענער מאמע און איר האט זיך אנגעהויבען דוכטען, אז די מאמע אירע האט איר נים ליב. זי זעהט נאר איר זוהן, סאני'ן, און אויף איר, דאראטי'ן, קוקט זי זיך נים אום. זי האט נים געוואלט ארויסווייזען איר פארדרוס, נאר געשטיקט עס אין זיך. און זי איז געווארן שווייגענדיג, צו־ריקגעצויגען.

אז דאראטי האט געענדיגט האי־סקול, האט זי ווייטער נים געוואלט לערנען. און אז די מאמע האט ווע־גען דעם פארווארפען א ווארט, האט דאראטי א זאג געטאן מיט כעס:

— איך דארף ניט גיין אין קא־לעדזש. איך בין נים סאני!

זי האט זיך ניט געוואלט אנטאן שיין, ווי אויך צולהכעיס איר מאמען. יעדעס מאל ווען אידא האט מיט איר גערעדט וועגען קויפען פאר איר א נייע קלייד. זי האט געסטראשעט, אז זי וועט אוועק פון שטוב, זי וועט גיין ערגעץ ארבייטען און ווערען א מענש פאר זיך. און אידא האט מורא גע־האט נאך מער אויפצורייצען איר טאכ־טער און זי האט איר אלץ פארשוויגען. זי האט זיך מיט דאראטי'ן ניט געקענט קיין עצה געבען. אזא בייזקייט האט זי געזעהן אין איר. אין וועמען איז זי געראטען?...

אידא האט שוין אפילו איינמאל זיך באקלאגט פאר איר מאן וועגען זייער טאכטער: אז זי פירט זיך עפעס ניט ווי אלע מענשען; אדער זי איז צו־שטיל און נאכגעביג און עס ארט איר ניט פאר קיין זאך, אדער זי צעשרייט זיך הויך אויפ'ן קול, דוכט זיך גאר אהן א שום אורזאך. זי איז עפעס ווי ניט זייער קינד. און סאל רובינאף האט נאר געהויבען מיט די אקסלען א פארלארענער. וואס ווייסט ער ווי דא צו העלפען, אז ער איז גאר אזוי זעלטען דא אין דער היים?

דאס איז געווען דער איינציגער טונ־קעלער פונקט ביי די רובינאפס אין שטוב: וואס צו טאן מיט דאראטי'ן. דערפאר האט זייער זוהן, סאני, שוין פארגיטיגט פאר אלץ. די שטוב איז ליכטיג געווען מיט אים. סאני פלעגט אמאל אין די אווענטען ברענגען מיט זיך אין שטוב א סך פון די חברים זיינע. די יינגע־לייט האבען געהאט אזא קלוב, און סאני איז ביי זיי דער גאנצער אנפירער געווען, און צו זיין ווארט האבען זיי זיך אלע צוגעהערט און עס האט געמוזט זיין ווי ער זאגט.

און אידא האט זיי אלעמען אויפגע־נומען מיט א ברייטער האנט, אוועק־געשטעלט פאר זיי א סך כיבוד, און אזוי ארום האט זי געוואלט מער צובינדען סאני'ן צו זיך. און אז סאני האט פון עפעס פאר זיינע חברים גער־רעדט, איז אידא געשטאנען פון דער־ווייטען, אין קיך, מיט באגייסטערטע, שיינענדיגע אויגען. און דער קלאנג פון זיין שטימע האט געווארימט איר הארץ. מיט שטאלץ האט זי צוגעזעהן ווי אלץ האט געמוזט זיין ווי ער זאגט. אז נים, איז ער נים געווען צופרידען. און פון וואס סאני האט גערעדט מיט זיינע חברים האט אידא קוים געקענט כאפען דעם מיין, ווייל זי אליין איז שוין געווען א היבש ביסעל אפגעשטא־נען און הינטערשטעליג אין וויסען. זעלטען ווען, אז זי איז ערגעץ געגאנ־גען פארברענגען, אדער צו זעהן זיך מיט מענשען. איר אויפגאבע אפצו־געבען זיך מיט סאני'ן איז געווען גרוים, און אלע אנדערע זאכען האט מען געמוזט פארבייגען, אדער אפלייי־גען אויף שפעטער.

אידא האט געהאט א צוטריט צו איר זוהן דורך דעם אופן ווי זי האט אים געגעבען עסען. זי האט פאר אים געמאכט אויסגעזוכטע מאכלים. און אז זי האט איינגעקויפט שפייז, האט אלץ געמוזט זיין פון דעם בעסטען. איינצושפארען עפעס פאר סאני'ן וואלט אויסגעזעהן ווילד. און אז סאני האט זיך געזעצט צום טיש עסען, איז זי געשטאנען דערביי מיט אן אומרו־היג הארץ, טאמער וועט אים עפעס א מאכל נים געפעלען. זי האט אליין פאר זיך אזוי ווי גארנים געלעבט. נאר זי האט געלעבט מיט אים, דורך אים. זי האט געציטערט איבער איר זוהן, ווי מען ציטערט איבער עפעס אן אויסטערלישען, זעלטענעם חפץ, וואס מען מוז גוט אפהיטען. אז סאני איז געשלאפען, איז זי ארומגעגאנגען אויף די שפיץ פינגער. די גאנצע שטוב האט דעמאלט געמוזט זיין צו־געשטילט. סאני האט פון צייט צו צייט דורכגעלאזען טעג פון גיין אין סקול, נאר אידא האט פון דעם קיין זארג נים געהאט. זי האט גוט גע־וואוסט, אז אזא בחור, מיט זיינע אוי־סערגעוויינליכע פעאיגקייטען, וועט צו יעדער צייט קענען אניאגען דאס פאר־לארענע.

(ווייטערעס מארגען)

## ווי אזוי מאיער בערגער האט אויסגעכאפט נייעס פון אנדערע רעפארטערס

(שלום פון בינטעל־בריף פעידזש)

ער אליין האט גארנים איינגעזעהן קיין וויכטיגעס אין דעם.

— האלד איט! — האט דער רע־דאקטאר באפוילען מאיער'ן אזוי שנעל ווי ער האט פארענדיגט לייענען דעם סטעיטמענט. מאיער איז געבליבען ביים טעלעפאן, האלטענדיג דעם רע־סיווער. ער איז אזוי אפגעשטאנען א היבשע ווײלע און ער האט שוין גע־וואלט אויפהענגען, מיינענדיג אז דער באס זיינער האט זיך פארגעסען אין איהם. אבער איידער ער האט בא־וויזען דאס צו טאן, האט ער ווידער דערהערט זיין באס' שטימע:

— האט אימיצער אנדערש געקרא־גען דעם זעלבען סטעיטמענט?

— קיינער ניט, ווי ווייט איך ווייס — האט מאיער געענטפערט.

— דאס איז אויסגעצייכענט! — האט דער באס געזאגט — און דו האסט עס כמעט ווי פארשלאפען!... סטיק עראונד! — האט ער באפוילען מאיער'ן.

אין א פאר שטונדען ארום, ווען די רעפארטערס פון די אנדערע צייטונ־גען זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין דער אירי סטעישאן און זיי האבען גענומען אפרופען זייערע אפיסעס, איז געווארען א יללה צווישען זיי. די רעפארטערס האבען געקראגען דעם אמת'ען פסק פון זייערע רעדאקטארען אלעמאי זיי האבען פארשלאפען די וויכטיגסטע נייעס.

ווען איינער אדער צוויי פון די רע־פארטערס האבען זיך געפרואווט פאר־ענטפערען, אז גארנים האט פאסירט, האט מען זיי געהייסען אריינקוקען אין די צייטונגען, וואס קריגען נייעסען פון דער „סטענדערד ניוס אסאסיאיישאן". די סיטי עדיטארס האבען אויך נים געשאנעוועט זייערע רעפארטערס און זיי גוט אריינגעזאגט, אלעמאי זיי הא־בען דערלאזט, אז דער רעפארטער פון דער אונוויכטיגער נייעס־אגענטור זאל „סקופען", ד. ה. אויסכאפען, אזא וויכ־טיגע נייעס ביי זיי. איין סיטי עדיטאר האט סארקאסטיש געראטען זיין רע־פארטער, ער זאל אריינקוקען אין די צייטונגען „אויסצוגעפינען דארט וואס עס קומט פאר" — ער זאל האבן וואס צו באריכטען צו אים.

ווען דער רעפארטער האט אריינגע־קוקט, איז אים פינסטער געווארען אין די אויגען. דער סטעיטמענט, וואס דער פארשלאפענער מאיער בערגער האט געקראגען, איז געווען נים מער און נים ווייניגער, ווי אז אויב זיי ווע־לען ארויס אין א סטרייק, וועלען זיי פארלירען די סיניאריטי רעכט זייערע — און דאס האט געמאכט א סוף צום סטרייק.

די אנדערע רעפארטערס זיינען גרייט געווען צו צערייסען מאיער'ן ווי א הערינג. זיי האבען אים גערופען „רעט", „דאבל קראסער" און מ'האט אים מכבד געווען מיט נאך אזעלכע נעמען. דער לעיבאר רעפארטער פון דער „טאימס" האט געסטראשעט בערגער'ן, אז ער וועט אים אויסברע־כען הענט און פיס, אויב ער וועט אים טרעפען נאכאמאל ביי אן עסאינמענט.

מאיער האט געקראגען א באנוס פון 10 דאלאר פאר זיין גוטער ארבייט — אבער מער קיין לעיבאר סיכסוכים האט ער נים „געדעקט".

ווי אזוי ער האט חתונה געהאט און ער האט געקראגען א דזשאב אין דער „ניו יארק טאימס" — וועט דערציילט ווערען אין נעקסטען ארטיקעל.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרזעצונג)

אוודאי האט סאני אויך געהאט קאַפּריזען אין זיך. ער איז אַזוי ווי געוואָרען דער אויטאָריטעט אין שטוב, און אַלץ האט געמוזט זיין ווי ער זאָגט, און ער איז ניט געווען צופרידען, אַז מען האט מיט אים ניט איינגעשטימט. און אַז עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט און מען האט אים ניט געגלויבט, האט עס אים שוין געפעלט...

— דאָס איז נאַטירליך פאַר אַזאַ באָי ווי ער — האט איינמאָל אידאַ געזאָגט צו איר מאַן און אַ שמועס מיט אים וועגען זייער זוהן.

אָפטמאָל, שפּעט אין אָוונט, אַז מאַן און ווייב האָבען זיך שוין געקליבען גיין שלאָפען, האט אידאַ אַרויסגענומען פון ערגעץ אַ באַהעלטעניש אַ פּעקעל פּאַפּירען. דאָס איז געווען סאַני'ס אַ קאָמפּאָזיציע, וואָס ער האט געשריבען פאַר דער סקול.

— דו ווילסט עפּעס זעהן? נאַ, לייען — האט זי עס איבערגעגעבען איר מאַן.

און סאָל רובינאָף האט אָנגעטאָן זיינע אויגען־גלעזער און לאַנג אַריינגעקוקט אין די פּאַפּירען און מיט אַ מבינ'ישען טאָן האט ער דערנאָך געזאָגט צו זיין ווייב:

— ער וועט זיין אַ שרייבער, אונזער זוהן, דו וועסט זעהן...

און ביידע, אידאַ און איר מאַן, האָבען פילבאַדייטענדיג זיך אָנגעקוקט, און פאַרגעניגענדיג איינער צום אַנדערען געשמייכעלט.

אַז אַנדערש מאָל האט אידאַ צוגעטראָגען ווייזען איר מאַן עטליכע צייכענונגען וואָס סאַני האט געמאַכט, פּאָרטרעטען פון זיינע חברים און פון אַנדערע באַקאַנטע מענשען. און ווי־דער האט סאָל רובינאָף באַטראַכט די אַרבייט פון זיין זוהן.

— עס זעהט גאָר אויס, אַז ער וועט זיין אַ מאָלער, אונזער סאַני — האט אידאַ זיך אָפּגערופען צו איר מאַן. — זיינע פּאָרטרעטען זיינען ווי לעבעדיגע...

און מאַן און ווייב זיינען דערנאָך אַוועק שלאָפען צופרידענע און גליקליכע.

עס טרעפט אַמאָל, ווען אַ מענשען הויבט מיט אַמאָל אָן צו גיין גוט און ער ווייס ניט פונוואַנען דאָס איז צו אים געקומען. אַזוי איז איצט געווען דער פאַל מיט סאָל רובינאָף, סאַני'ס טאַטע. ער האט דאָך געהאט געעפענט אַ שאָפּ פון קאָטען־דרעסעס אינאיינעם מיט אַ שותף, מיסטער קאַץ. אין די ביזנעס מיט דער צייט אַוועק אַזוי גוט, אַז זיי האָבען שוין איצט געהאט ניט איין שאָפּ, נאָר עטליכע. די שעפּער, אָדער פעקטאָרים, וואו זיי האָבען אויסגעאַרבייט דרעסעס, האָבען זיך איצט געפונען ניט דאָ אין שטאָט, נאָר „אויט־אָוו־טאַון", אין אַ קליין שטעטעל, אין מאַסאַטשוסעטס, וואָס איז ניט ווייט פון ניו יאָרק. מיסטער קאַץ, וואָס איז געווען אַ פּיפיגער יונג און האט געוואוסט בעסער ווי זיך צו פירען מיט די אַרבייטער, איז דאָרט געוואָרען דער מענעדזשער.

סאָל רובינאָף האט געטאָן זיין טייל אַרבייט אין ניו יאָרק, אין זייער הויפּט אָפיס. דאָ האט זיך געפונען די „שאָו־רום", וואו „באַיערס" האָבען געקענט קומען אָנקוקען די „סטאַילס". דאָרט האָבען זיי אויך געהאט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג וואו מען האט אויסגעאַרבייט די „סעמפּעלס", און אַ דעזאַי־נער, וואָס האט נאָר בסדר אויסגעטראַכט אַלץ נייע סטאַילס. די פירמע — „רובינאָף און קעץ" — איז שוין דעמאָלט געווען פאַרבונדען מיט די גרויסע דעפּאַרטמענט סטאָרס און נאָך אַנדערע וויכטיגע סטאָרס, וואָס האָבען ביי זיי געקויפט די פאַרטיגע דרעסעס. און פעאַינע און באַרעדעוודיגע סעילס־לייט זיינען אַרומגעפאָרען פון שטאָט צו שטאָט און אויך געטאָן גוטע ביזנעס פאַר דער פירמע „רובינאָף און קעץ".

אַלץ איז איצט ביי זיי געטאָן געוואָרען אויף אַ ברייטען פאַרנעם. די וואָרע פאַר די קאָטען דרעסעס האָבען זיי געקויפט דירעקט פון די „מילס" (פון די וועב־פאַבריקען), און דאָס האט אויך געפירט צו דעם, אַז די פאַרדינסטען זאָלען ביי זיי ווערן גרעסער. מען האט זיי שוין געשאַצט אין די סך טויזענטער. און אין דרעס־מאַרקעט האָבען זיי שוין געקראָגען אַ גרויסען נאָמען. ווי האט זיך עפּעס געפיהלט סאָל רובינאָף אַליין, דער אַמאָליגער סטודענט אינ'ם קליינעם שטעטעל, וואָס איז אַמאָל געווען באַהויפּט מיט רעוואָלוציאָנערע אידעאַלען? ווען אימיצער וואָלט דאָס ביי אים געפרעגט, וואָלט ער מסתמא נאָר געהויבען מיט די פּלייצעס. דאָס אַלץ איז פאַרגעקומען עפּעס אַזוי אומגעריכט פאַר אים אַליין, זייך אַרויפשטייגען הויך און ווערען רייך.

אַז סאָל רובינאָף האט אַמאָל זיך אויפגעטראָפען מיט איינעם פון זיינע אַלטע פריינט, איז ביי אים אויפ'ן פּנים געווען אַ פאַרלאָרענער שמייכעל, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס פאַרשולדיגט. אַ צופאַל האט דאָס אַלץ געמאַכט, און ער איז אַליין געווען פאַרוואונדערט וואָס מיט אים איז דאָס געשען. ער האט געהאט אַ פאַרטראַגענעם אויסזעהן, און ס'איז געווען ווי ניט ער פירט די ביזנעס, נאָר די ביזנעס פירען אים.

די רובינאָפס האָבען שוין מער ניט געוואוינט „דאַון טאַון". נאָר אין דעם נייעם געגענט פון וועסט־בראָנקס, דאָרט וואו עס האָבען זיך אויסגעבויט גרויסע, שיינע הייזער ווי פּאַלאַצען. אידאַ, סאָל רובינאָפ'ס ווייב, האט גאַנץ גוט זיך געקענט אַריינפּאַסען אין זייער נייער לאַגע. זי האט אויסגעשטאַט זייער היים רייך און מיט אַ ברייטען פאַרנעם. און אַלץ וואָס זי האט געקויפט האט געמוזט זיין פון בעסטען סאָרט. זייער זוהן, סאַני, האט שוין דעמאָלט געהאט אַריינגעטראָטען אין קאָלעדזש. זייער זוהן סאַני.. דאָס איז געווען דער ליכטיגסטער פּונקט אין זייער לעבען. סאָל רובינאָוו האט גאָר ווייניג זיין זוהן געקענט זעהן. אין אָוונט, אַז ער איז געקומען אַהיים, איז סאַני זעלטען ווען געווען אין שטוב, און אין דער פרי, אַז ער איז אויפגעשטאַנען איז סאַני נאָך געשלאָפען.

— וואו איז סאַני? ווי האַלט ער מיט זיין לערנען? — איז געווען די ערשטע פראַגע וואָס סאָל רובינאָף האט געפרעגט ווען ער איז אין אָוונט אַריינגעפאַלען מיט אימפּעט אין שטוב נאָך אַ טאָג אַפּזיין אין זיין אָפיס. און אידאַ האט אים דערציילט יעדעס מאָל פון סאַני'ס פּראָגרעס אין לערנען זיך און ווי ער צייכענט זיך אויס אויף אַלע געביטען. און טאַטע־מאַמע האָבען געוואוסט, אַז אַ גרויסע צוקונפט וואַרט אויף זייער זוהן.

דאָס מיידעל זייערס, דאָראָטי, האט יונג חתונה געהאַט. זי האט זיך געריסען פון שטוב, כסדר אַז אומצופרידענע, און עס האט זיך געמאַכט פאַר איר אַ גוטער שידוך. מיט אַ רייכען טאַטען קען מען אַלץ דערגרייכען. און איצט וואוינט זי פאַר זיך מיט איר מאַן.

סאָל רובינאָוו איז שוין איצט געווען, קען מען זאָגען, אַן איינגעוואָר־צעלטער און חשוב'ער בירגער אין היגען לאַנד. אַמאָל אין אַן אָוונט, אַז ער האט געהאַט צייט, איז ער געזעסען מיט אידאַ'ן, זיין ווייב, אין זייער געראַמען, שיינעם ליווינג־רום און ער האט דעמאָלט ליב געהאט צו פאַרפירען מיט איר אַ שמועס פון זייער איצטיגען לעבען.

— נו, אידאַ, וואָס זאָגסטו? אַמע־ריקע! — האט ער געמיטליך צו איר גערעדט. און אידאַ האט געזאָגט, אַז ווען זי וואָלט געווען אַ פרומער מענש, וואָלט זי אַלע טאָג געדאַנקט גאָט ווי ער האט מיט זיי געפירט. קיינמאָל האָבען זיי ניט פאַרגעסען דעם אונ־טערדריקטען און טרויעריגען לעבען, וואָס זיי האָבען געהאַט אין דעם פאַר־לאָזענעם שטעטעל פון זייער היים, און ביי ביידען איז פאַרזייט געוואָרען אַ טיפע ליבשאַפט צו אַט דעם לאַנד, וואָס האט זיי געגעבען געזיכערטקייט צו פיהלען זיך ווי מענשען, מיט אַלע מענשען גלייך.

(ווייטערעס מאָרגען)

## אַ נייער נויטווענדיגער פּראָדוקט פאַר דער גאַנצער פאַמיליע

עס איז זעהר זעלטען, אַז אַ פּראָדוקט קומט אַרויס אויפ'ן מאַרק, וועלכער איז ממש אַ נויטווענדיגקייט פאַר דער גאַנצער פאַמי־ליע. מיט צופרידענהייט באַריכטען מיר, אַז עס איז דאָ אַ פּראָדוקט, וועלכער איז ווי אָנגעמאָסטען פאַר דער באַלעבאָסטע, דעם מאַן, די קינדער, און אַפילו פאַר דער באָבע. דער דאָזיגער פּראָדוקט איז כשר און פּאַרעווע גלים. גלים איז אַ קאָנצענטרירטע פּליסיג־קייט, וועלכע מען קויפט אין דער גראָסערי. כשר און פּאַרעווע גלים איז גוט פאַר וואַשען געפעס, פאַר וואַשען די קאַר, פאַר וואַשען שויבען און פאַר אומצעליגע אַנדערע הויז־אַרבייטען.

כשר און פּאַרעווע גלים צעלאָזט פעטס. מען דאַרף בלויז וואַשען דאָס געפעס און גלעזער און זיי לאָזען אָפּטריקענען. זיי פינק־לען און שטראַלען אָהן אָפּווישען. דאָס איז אַ גרויסע אַרבייט־ און צייט־שפּאָרונג. און אַזוי ווי גלים איז אַ פליסיגקייט — מען דאַרף בלויז נוצען אַ קליין ביסעלע אין אַ שיסעל וואַסער אָדער אין סינק — האט עס נים קיין שטויב און פּודער, וועלכע קיצלען אין נאָז און מאַכען ניסען.

ווען מ'טוט אַריין כשר און פּאַרעווע גלים אין סינק און מען לאָזט לויפען הייסע וואַסער, קריגט מען באַלדיגע מולינעס. אָבער אַפילו ווען די מולינעס ווערען פאַרשוואונ־דען, האט כשר און פּאַרעווע גלים נאָך אַלץ די וואונדערבאַרסטע קראַפט פון רייניגען און שניידען פעטס, אַז דאָס געפעס־וואַשען איז ממש אַ פאַרגעניגען. גלים איז אויך זעהר איידעל צו די הענט. מאַקע אַלע, די גאַנצע פאַמיליע, וועט שטוינען פון די רעזולטאַטען וועלכע זיי וועלען קריגען ווען נאָר זיי וועלען געברויכען כשר און פּאַרעווע גלים, קריגט עס היינט ביי אייער גראָסער און איבער־צייגט זיך. אַ פלעשעלע גלים איז גענוג פאַר אַרום פופציג געפעס־וואַשונגען. (*

## מילדקייט פאַר דעם האַלז איז אַ וויכטיגע זאַך אין סיגאַרעטס

סיגאַרעט ר יכערען ווערט פּאָפּולערער מיט יעדען יאָר. דאָס פאַרגעניגען וואָס מ'קריגט פון אַ גוטען סיגאַרעט האט אַזאַ צוציהונגס קראַפט, אַז מענשען וועלען אויספּראָבירען אַ סך ברענדס ביז זיי געפינען דעם צוגעפּאַס־טען פאַר זייער טעם און פאַר זייער האַלז. די מילדקייט פון אַ סיגאַרעט פאַר דעם האַלז איז איינע פון די וויכטיגסטע זאַכען, וועלכע מען האט שטענדיג אין זינען בעת מ'קלייבט אויס דעם סיגאַרעט פון וועלכען מען האט הנאה.

דאָס איז מאַקע די אורזאַך פאַרוואָס אַזוי פיל באַרימטע פערזענליכקייטען פון דער ספּאָרט וועלט, פון טעאַטער און ראַדיאָ, פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס און וועלכע מען רעדט אַרער זינגט יעדען טאָג, אַזוי גוט ווי מענשען פון אַ גאַנץ יאָר, לויבען קעמעל סי־גאַרעטען. קעמעלס זיינען אַזוי מילד פאַר דעם האַלז, אַזוי אַנגענעם פאַר דעם געשמאַק און אַזוי צופרידענשטעלענד. אַז אויב איר וועט איין מאָל רויכערען אַ קעמעל, וועט איר שוין בלייבען אַ שטענדיגער קעמעל־רויכערער, און עס אויך רעקאָמענדירען צו אייערע פריינט.

אינטערעסאַנט איז די פּראָבע וואָס איז געמאַכט געוואָרען מיט הונדערטער מענשען, וועלכע האָבען גערויכערט בלויז קעמעלס פאַר דרייסיג טעג. האַלז־ספּעציאַליסטען, וועלכע האָבען אונטערזוכט די העלזער פון די דאָזיגע מענשען, האָבען ניט געפונען קיין איין פאַל פון האַלז־אויפרייצונג צוליב רויכערען קעמעלס. דערפאַר, אויב ביי אייך איז אייער גוטען געשמאַק אויך וויכטיג אייער האַלז, דאַן רויכערט קעמעלס און איר וועט זיך איבערצייגען אַז דאָס איז דער מילד־סטער און געשמאַקסטער סיגאַרעט וואָס איר האט ווען גערויכערט. (*

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

זונטאג איז געווען דער טאג, ווען סאל רובינאוו האט געקענט אפכאפען דעם אָטעם, אויפשטיין שפעט און עסען שפעט אנבייסען. זיי זיינען געזעסען ביים טיש, ער און זיין ווייב און זיין זוהן; און סאל'ן איז געווען גוט אויפ'ן הארצען. זיין זוהן סאני — א מאנארך, הויך און שיין געוואקסען. עפעס יחוס'דיגס איז פאראן אין זיין אויסזעהן. די שטארק שווארצע האר, דאס טונקעל־הויטיג פנים און די גלייכע, געטאקטע נאז. סאל רובינאוו האט זיך דערמאנט אין איינעם פון זיינע עלטער־זיידעס, וואס איז געווען א רב. סאני איז געראטען אין אים. דאס האט אים הנאה געטאן.

סאל רובינאוו האט איצט געהאט א פארלאנג אביסעל א שמועס צו טאן מיט זיין זוהן. סאני האט שוין געהאט אפגעגעסען זיין אנבייסען, ער האט זיך אויפגעשטעלט פון טיש, ער איז שוין געווען גרייט ערגעץ צו גיין.

— וואס אײלסטו זיך אזוי, מיין זוהן?

נאר סאני איז געווען אומגעדולדיג מיט זיין טאטען. ער האט אפגערעדט מיט א פארטי חברים צו שפילען טעניס אין פארק. זיי ווארטען אויף אים. ער האט שוין אזוי אויך פארשפעטיגט. סאל רובינאוו האט איצט באטראכט זיין זוהן פון קאפ ביז די פיס. זיין ווייסע, זיידענע העמד ביים האלז אפען. די געפרעסטע, העלע הויזען, די שיך — אלץ איז געווען פון טייערסטען סארט. ער האט זיין זוהן געלאזען גיין און געבליבען זיצען א ווײלע פארקלערט. ער, סאל רובינאוו, ווען ער איז געווען אין זוהנ'ס יארען האט ער דעמאלט זיך געגרונטעוועט אין וועלט־פראבלעמען: ווי צו איבערבויען דאס לעבען אז עס זאל אויסזעהן שענער, גערעכטער... און דא אין היגען לאנד, אז ער איז אריבערגעקומען האט ער זיך געדארפט איבעראנדערשען, זיך איבערברעכען, כדי זיך אריינצופאסען אין היגען לעבען. וואס פאר אן אונטערשייד עס איז פון אים ביז זיין זוהן. עס איז ווי טאג מיט נאכט. סאני וועט שוין ניט דארפען דורכגיין וואס ער. פאר אים איז אלץ פראסט פשוט, אויסגעלייגט פארטיג— נאר גיי און נעם.

שפעטער א ווײלע, אז סאני איז שוין אין שטוב ניט געווען, איז ער געזעסען מיט זיין ווייב אידא, און ווי אלע מאל האט זי אים דערציילט וועגען די וואונדער פון זייער זוהן: ווי ער צייכענט זיך אויס אויף אלע געביטען אין זיין לערנען, אין מאטעמאטיק, אין געשיכטע, אין דער ענגלישער שפראך. עס איז נאר ביי אים א פראגע אויף וואס פאר א געגענשטאנד ער זאל זיך אפשטעלען.

נאר ביי סאל'ן האט דעמאלט דער קאפ געארבייט מעהר אויף פראקטישקייט. ער האט געוואלט וויסען דעם תכלית פון זיין זוהנ'ס לערנען, און ער האט זיך אפגערופען צו זיין ווייב, אז זי זאל אים בעסער ערקלערען דעם ענין:

— נו, גוט. ער לערנט שוין אין קאלעדזש, אונזער זוהן. און וואס ווייטער? שוין צייט פאר אים צו באשליסען וואס פאר א פראפעסיע ער זאל זיך אויסקלייבען. לאמיר זאגען א דאקטאר, צי אן אינזשעניר, אדער א לערער. יעדער איינער מוז דאך טאן עפעס א באשטימטע זאך.

אויף דעם האט אידא נאר א שמייכעל געטאן און זי האט אפגעענטפערט איר מאן:

— א דאגה פאר סאני'ן א פראפעסיע! מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען איז וואס ער וועט נאר באשטימען צו טאן וועט ער אין אלץ זיין אן ערפאלג...

— פונדעסטוועגען... — האט סאל רובינאוו געשאקעלט מיט'ן קאפ שוין ניט אזוי זיכער. אידא האט אין איר זוהן געגלויבט מיט אלע אירע חושים און ביי סאל'ן האבען זיך אריינגעגנב'עט ספקות וועגען זיין זוהן. ער האט געוואוסט פון א סך אימיגראנטישע קינדער, וואס זיינען אויסגעוואקסען גרויס אויף דער היגער ערד. זיי האבען אויפגעטאן גרויסע זאכען; זיינען געווען אינזשינערען און געבויט בריקען; זיי זיינען פראפעסארען אין א קאלעדזש אדער גאר באריהמטע לאיערס. עפעס האט זיך אים ניט געלייגט אויפ'ן שכל, אז זיין סאני וועט אמאל ווערען ווי איינער פון דעם סארט גרויסע מענשען. אן אומרוה איז אים באפאלען ווען ער האט גענומען זיך אריינטראכטען טיפער אין דעם. עס איז געווען צו ווייטאגדיג ארויסצורייידען אט די ספקות פאר אידא'ן, זיין ווייב. „דאס זיינען געדאנקען פון א מידען מוח", האט ער א טראכט געטאן צו זיך אליין. און אזוי ארום האט ער זיך איינגערואיגט.

— איך וועל גיין א ווײלע זיך צולייגען — האט ער געזאגט צו זיין ווייב, א קוק געבענדיג אויף זיין זייגער. און אידא האט אים צוגערעדט דאס צו טאן.

— יע, גיי טאקע. דו האסט גענוג די גאנצע וואך זיך אנגעהארעוועט.

### קאַפּיטעל איין און פערציג

סאני אליין איז גאר דעמאלט ניט געווען צופרידען מיט זיך. עפעס האט אין אים כסדר געברויזט און דאס האט געמאכט ער זאל זוכען אלץ נייע זאכען מיט וואס זיך צו פארנעמען. עס איז געווען אמת וואס אידא, זיין מאמע, האט וועגען אים געזאגט, אז ער האט לערנענדיג אין קאלעדזש זיך אויסגעצייכענט אויף אלע געביטען. געשיכטע, מאטעמאטיק, „סאשעל סאיענס" און ענגלישע ליטעראטור. די אלע געגענשטאנדען זיינען אים געווען אינטערעסאנט און ער איז ניט געווען באשלאסען אויף וועלכע פון זיי ער זאל זיך אפשטעלען. צופיל געביטען האבען אים פארכאפט. און זיין אלזייטיגקייט האט אים געשטערט אז ער זאל זיך קענען אפגעבען נאר צו איין זאך און דאס דורכפירען.

סאני'ס געדאנקען זיינען געלאפען בליץ־שנעל אויפצוכאפען אדער אויסצופאנגען עפעס פאר זיך, אבער ווען מען האט עס געדארפט דורכפירען האט אים שוין ניט געסטאיעט קיין געדולד. אזוי האט ער שוין איינמאל באשלאסען אז ער וועט אויפנעמען די ענגלישע שפראך צו ווערען א לערער פון ענגליש אין האי־סקול. נאר דאס לאנגזאמע שטודירען יעדען טאג, צו זיצען איבער די לערן־ביכער, די אפטע „טעסטס" (עקזאמענס) און דאס זוכען מאטעריאלען צו שרייבען יעדעס מאל א נייעם „פעיפער" (אן ארטיקעל), איז ניט געווען פאר אים. ער איז געוואוינט געווען פון אלע יארען, אז אלץ זאל זיך אים גרינג איינגעבען. און אויב ער האט א זאך ניט געקענט דורכפירען באלד, האט ער צו דעם שוין פארלארען דעם אינטערעס.

אין קלאס איז סאני יעדעס מאל געווען פון די אומצופרידענע. ער פלעגט זוכען חסרונות אויף די לערער. און א שמועס מיט די קאלעגען־סטודענטען האט ער פון זיי אפגעלאכט. ער האט ליב געהאט צייכענען קאריקאטורען פון א לערער אדער א פראפעסאר וואס ער האט ניט ליב געהאט. און ער האט מיט דעם שטארק אויסגענומען ביי זיינע פריינט.

איז סאני, מיט אלע זיינע גרויסע פעאיגקייטען, אין אמת'ן ניט געווען צופרידען מיט זיך. און א סך מאל האט ער זיך אין סקול געלאנגווייליגט. איינער פון די פראפעסארען אין קאלעדזש האט שוין געהאט אויף סאני'ן אן אויג, און ער און סאני האבען מיט דער צייט פריינדליך זיך פיינט געקראגען. סאני'ן האט זיך געדאכט ווי אט דער פראפעסאר בא'עוול'ט אים שטענדיג. ער רעכענט זיך ניט מיט זיינע באזונדערע פעאיגקייטען און ער שטעלט אים נידעריגע „מארקס". און איינמאל האט ער שוין געהאט א צוזאמענשטויס מיט אים. און דאס האט געפירט צו דעם, אז סאני זאל אינגאנצען אויפהערען גיין אין קאלעדזש, איבעררייסען דאס לערנען.

נאר עס זיינען געווען גענוג זאכען אויסער דאס לערנען אין קאלעדזש וואס זיינען געווען אינטערעסאנט. סאני האט פון אלע מאל געהאט אלערליי „האביס", וואס האבען פארנומען זיין צייט. איינמאל האט אים שטארק פארכאפט דער ענין פאטאגראפיע. ער האט געקויפט א פאטאגראפישען אפאראט און ער האט געקענט שעה'ן־וויוז זיך אפגעבען מיט דעם. ער האט פאטאגראפירט אלע זיינע באקאנטע בחורים און אויך מיידלעך אין די פארשידענסטע פאזעס.

אז אנדערס מאל האט ער זיך אפגעגעבען מיט איינקויפען אלערליי מוזיק־רעקארדס. ער האט צו זיין ראדיא ביי זיך אין צימער „צוגעפיקסט" א גראמאפאן און ער און זיינע פריינט האבען געקענט הערען די סאמע זעלטענסטע, געקליבענע מוזיק־נומערען.

(ווייטערעס מארגען)

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראמאן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער • געשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס" פון שלמה בן־ישראל

(נאכדרוק פארבאטען)

(פארטזעצונג)

### געהיימע אָנווייזונגען

— איר קענט גארניט פארשרייבען פון וואס מיר רעדען דא, — האט ניסים גאון גענומען ריידען — אונזער ארבייט מוז געטאן ווערען אהן צעטעלעך. אלץ מוז געטראגען ווערען אין קאפ.

— רעדט! מיר הערען! — האט ירמיהו געזאגט.

— איר האט געזען ווי מיר ארבייטען, — האט מר. גאון פארטגעזעצט — מיר נוצען ניט קיין טעלעפאן, פאסט, טעלעגראף... אלץ ווערט געטאן דורך פערזענליכען קאנטאקט. אוודאי וואלט איך אייך געקענט איינלאדען צו קומען צו מיר ווען איך רוף אייך אפ טעלעפאניש, אבער דאס איז פארבאטען ביי אונז. מיר טרויען ניט קיינעם, אפילו ניט אט־די פיר ווענט. איר האט אוודאי באמערקט, אז דאס הויז ווערט שטרענג אפגעהיט פון איבער צוואנציג מענשען. אפשטמאל קען זיך אויסדרוקען, אז מיר איבערטרייבען אביסעל מיט אונזער צו גרויסער פארזיכטיגקייט. וויל איך אייך אבער זאגען, אז דאס איז א נויטווענדיגקייט. געדענקט עס פאר דער צוקונפט. אויב איר וועט מוזען אננעמען דן דאזיגע סיסטעם, געטרויט ניט קיינעם. געדענקט, אז ווענט האבען אויערן, אז בוימער האבען אויגען...

אצינד וועגען אייער גיין קיין באגדאד: איך וויל ניט אז איר זאלט זיך איילען. איר מוזט זיך גוט צוגרייטען דערצו. לויט אונזערע נאכריכטען, דארפען די „טשיפס אוו סטעף", די הויפט־קאמאנדירען פון די אראבישע ארמייען, זיך טרעפען אין באגדאד מיט דעם דייטשען גענעראל, דעם עקספערט. ערשט נאכדעם ווי די „ו"ען" וועט אננעמען דעם צעטיילונגס־באשלוס. און ווי געזאגט, רעכענען מיר, אז דאס זאל פארקומען אין צווייטער וואכען ארום, ארום צענטען אדער פיילייכט דעם פופצענטען נאוועמבער.

לויט אונזערע נאכריכטען, האבען מיר אויך א באגריף ווען ענגלאנד וועט פארלאזען דאס לאנד. ביז איצט דרייען די ענגלענדער מיט'ן צונג, אבער זיי האבען א געהיימען באשלוס צו פארלאזען פאלעסטינע ניט שפעטער פון 15טען מאי קומענדען יאר. דאס מיינט, אז כאטש מיר וועלען ביז דאן דארפען קעמפען מיט דעם מופטי'ס געדונגענע באנדעס, וועט די אמת'ע מלחמה מיט די ארגאניזירטע אראבישע ארמייען ניט אויסברעכען פאר דעם מאנאט מאי, און דאס גיט אונז קנאפע זיבען מאנאטען צייט.

איך מיין, אז אין פארלויף פון א וואך אדער צען טעג דארפט איר זיין גרייט צו זיין אין באגדאד. אויב איר באדארפט געלט, וועט איר עס באקומען דא פון מיר. איך ראט אייך אבער ניט צו טראגען קיין גרויסע סומעס געלט מיט זיך, ווי אויך געווער. איך ווייס ניט ווי אזוי איר רעכענט זיך צו פארשטעלען פאר אייער צוועק. אבער איך נעם אן, אז פאר וועמען איר זאלט זיך ניט פארשטעלען, איז גלייכער, אז איר זאלט ניט האבען ביי זיך קיין זאך וואס קען ארויסרופען עפעס א פארדאכט, אויב מען כאפט אייך און מען באזוכט אייערע קליידער.

ווען איר וועט קומען קיין באגדאד זאלט איר גיין צום גרויסען מעטשעט (א מעטשעט איז א געבעט־הויז פון מאכמעדאנער, וואו זיי קומען דריי מאל א טאג תפילה טאן און זיך בוקען צו מעקא), וועלכער געפינט זיך ביים גרויסען „סוק" (באזאר) פון דאוד פאשא. דער מעטשעט רופט זיך טאקע אויף זיין נאמען. אין ערשטען פאר־דערשטען הויף פון ארייגאנג, דארט וואו די דאוונער טוען אויס די שיך און וואשען די פיס, וועט איר זען זעקס זיילען, וואס ציען זיך פון צפון צו דרום. טוט אויס אייערע שיך צווישען פינפטען און זעקסטען זייל, דאס הייסט, ביים זייל וואס געפינט זיך אין סאמע צפון'דיגען טייל פון הויף. דאס וועט זיין דער סימן פאר אונזער מענשען, ער זאל אייך דערקענען. ווען ער וועט זען ווי איר טוט אז דעם שוך מיט'ן פייגענבלאט, וועט ער וויסען, אז איר זיינט געשיקט פון מיר. ער וועט דאן צוקומען צו אייך ביים ארויסגאנג פון מעטשעט און וועט פרעגען: „מאק קיבריט?" (האסטו א שוועבעלע?) דער ענטפער דארף זיין: „ניט נאר א שוועבעלע, נאר אויך טיטון און פאפיר."

הערענדיג דאס וועט אונזער מענש זאגען:

„מין אלבי דזשידידי?" (פון א נייער פושקע?).

און דער ענטפער דארף זיין:

„נאאם, אוטיטון סאמסומא" (יא, און פון בעסטען טאבאק).

ערשט דאן וועט איר ביידע וויסען, אז איר זיינט די ריכטיגע פערזאנען. אויב איר וועט נאכזאגען גענוי ווי איך האב עס געזאגט, וועט אונזער מענש אייך אוועקפירען וואו מען דארף. ער וועט אייך שטעלען אין פארבינדונג מיט מענשען, וועמען איר קענט אנפארטרויען אלצדינג. מען וועט אייך געבען די נויטיגע הילף, ווי אויך געלט וויפיל איר וועט זיך נויטיגען פאר זיך און פאר „באקשיש" (כאבאר) אדער וואס איר זאלט ניט באדארפען.

ניסים גאון האט אנגעקוקט זיינע געסט און האט געפרעגט:

— איז עס פארשטענדליך?

— זעהר קלאר, — האבען אלע דריי געענטפערט אין איין קול.

— זעהר גוט. לאמיר הערען די אפגעררעדטע צייכענס, צי איר געדענקט זיי גענוי ווי כ'האב זיי אנגעגעבען.

ירמיהו האט איבערגע'חזר'ט דעם געשפרעך פון „מאק קיבריט?" (האסטו א שוועבעלע?) ביז'ן סאמע סוף.

ניסים גאון האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— פיין, זעהר פיין — האט ער אויסגערופען — איצט וועל איך אייך געבען נאך עטליכע איינצעלהייטען, וואס וועלען אייך קענען באהילפיג זיין אין באגדאד. אונזערע מענשען דארט זיינען אונז זעהר געטריי און מיר טרויען זיי. פונדעסטוועגען איז ווינשענסווערט, אז איר זאלט אננעמען באזונדערע פארזיכטיגקייטען. אין פאל מען פאקט איינעם פון אייך, זאלען די אנדערע צוויי בלייבען פריי. דעריבער ראט איך אייך, אז איר זאלט ארבייטען באזונדער, יעדער פאר זיך. כ'מיין, איר זאלט זיך האלטען אפגעזונדערט. מען דארף ניט אז אפילו אונזערע פארבינדעטע אין באגדאד זאלען אייך אלעמען דערקענען. גענוג אז איינער פון אייך וועט זיך פארבינדען מיט זיי און ער וועט שוין דינען די איבעריגע צוויי. איר פארשטייט וואס איך מיין?

— עס איז זעהר קלאר און פארשטענדליך, — האט ירמיהו געזאגט.

— נאך א זאך: אויב איר געפינט פאר נויטיג זיך צו שטעלען מיט מיר אין פארבינדונג, דאן שיקט איינעם פון אייך, אדער אויב איר דריי מוזט בלייבען צוזאמען דארט, שיקט איינעם פון אונזערע מענשען דארט. בעסער וועט זיין ווען צוויי מענשען וועלען געשיקט ווערען, אלעמאל צוויי, ווארים איינער קען אמאל געכאפט ווערען אויפ'ן וועג, דערהרג'עט ווערען, אדער קראנק ווערען... דעריבער איז ווינשענסווערט, אז צוויי מענשען זאלען געשיקט ווערען מיט יעדער נאכריכט. געדענקט, אלץ מוז געשיקט ווערען מינדליך, קיינמאל ניט שרייבען, קיינמאל ניט טראגען מיט זיך קיין איינציג ווארט פארצייכענט. אלץ אויפ'ן קאפ!

— פארשטענדליך! — האט ירמיהו צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— וואס אנבאלאנגט אונזערע מענשען דארט, — האט ניסים גאון פארטגעזעצט — מוז איך אייך ווארנען, אז כאטש זיי זיינען געטרייע און אויסגעפרובירטע מענשען און מיר האבען צו זיי אונזער פולשטענדיגען צוטרוי, זיינען זיי אבער ניט פון דעם צו־אינטעליגענטען סארט. פארשטייט מיך ניט פאלש, — האט ער געאיילט צוגעגעבען — זיי זיינען זעהר בראווע מענשען, גרייט צו שטארבען. אבער זיי זיינען אלע אהן אויסנאם אריינטאלישע אידען, געבוירענע און ערצויגענע אין אראבישע לענדער. שוין יארען יארען לאנג ווי זיי לעבען ווי אראבער, האבען אפילו אראבישע ווייבער, און קינדער מיט די ווייבער. פילע פון זיי קענען ניט לעזען און ניט שרייבען. איר פארשטייט וואס איך מיין?

— איך פארשטיי, — האט ירמיהו אויסגערופען — זיי קענען, צום ביישפיל, ניט פארשטיין קיין מיליטערישע אדער איינפאכע געאגראפישע מאפע.

(ווייטערעס מארגען)











## די פיינסטע פאַנעפּעל ווערען איצט געפּאַקט אין קענס

ווילט איר באקען א פיינעם פאינעפעל קוכען? ווילט איר מהנה זיין אייער פאמיליע און געסט מיט אזא גוטען נאכשפייז, וועלכער וועט זיי געבען א דערהויבונג? ווילט איר געניסען פון טראפיקאלישער זאפטיגקייט פון רייפע פרוכט? זיכער, אז איר ווילט עס! איר קענט דאס זעהר גרינג דערגרייכען. אלץ וואס מען דארף פאר דעם איז א קען דאול פאינעפעל! אט די דאזיגע וואונדערבארע פרוכטען, וועלכע מען פלעגט ריבען דער קעניג פון אלע פרוכט, קומט געפאקט אין קענס פאר דער באקוועמליכקייט פון יעדער מאדערנער באלעבאסטע.

צו וואס ארבייטען ביים שיילען און שניידען, און האבען א סך גיוועץ, ווען איר קענט קריגען די אויסדערוויילטע פאינעפעל פאר יעדער געלעגענהייט. דאול'ס פאינעפעל, ניט געקוקט אויף זייער אויסגעצייכענטער קוואליטעט, קאסטען אזוי שפארזאם, אז עס איז ניטא קיין אורזאך פארוואס איר זאלט מאכען ניט געניסען פון בעסטען.

דאול פאינעפעל קומט אין פארשידענע פארמען — אלס פרוכט קאקטעיל, אין קיילעכדיגע פארציעס און אין צעריבענער פארם. אבער אין וועלכער פארם איר זאלט עס ניט עסען, וועט עס שטענדיג ברענגען א יום־טוב'דיגקייט צו אייער טיש און א גענוס פאר אייער פאמיליע און געסט. קריגט דאול פאינעפעל נאך היינט אין אייער גראסערי. קויפט עטליכע קענס און האט עס שטענדיג ביים האנט ווען נויטיג.

# אין דער אַרבייטער באַוועגונג

## מיטינג פון מילינערי אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 24; קבלת פנים פאַר נייעם פּרעזידענט אַלעקס ראָוז

אַ גרויס-באַזוכטער מיטינג פון מי-לינערי אַרבייטער, פון לאָקאַל 24 פון דער יונאַיטעד האַט, קעפּ און מילי-נערי אינטערנעשאַנעל, האָט לעצטע דאָנערשטאָג אָוונט אויפגענומען די ניי-ערוויילטע בעאַמטע: אַלעקס ראָוז, אַלס פּרעזידענט, און מאַקס לואיס, אַלס סעקרעטער, מיט דעמאָנסטראַ-ציעס און וואַרימע אַפּלאָדיסמענטען.

דער מיטינג, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דיפּלאָמאַט האָטעל, 43טע סטריט און זעקסטע עוועניו, איז איינגערופען געוואָרען פאַר'ן ספּעציעלען צוועק אָפּצוגעבען אַ רע-פּאָרט צו די מיטגלידער פון לאָקאַל 24 פון דער לעצטער קאָנווענשאַן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען מיט איינציגע וואָכען צוריק דאָ אין ניו יאָרק, און אויך צו באַקענען זיי מיט דעם גרויסען אָרגאַניזאַציאָנס-דרייוו וואָס די נייע אַדמיניסטראַציע פּלאַנע-וועט אָנצופירען איבער'ן לאַנד, צו אָרגאַניזירען די ניט-אָרגאַניזירטע טיי-לען פון דער אינדוסטריע.

דער קאָנווענשאַן-רעפּאָרט איז אָפּ-געגעבען געוואָרען פון דריי דעלעגאַ-טען: נאַטאַניעל ספּעקטאָר, דער מע-נעדזשער פון דער יוניאָן; י. ה. גאָלד-בערג, אַ וויים-פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנעל און איינער פון די ביזנעס-אַגענטען, און סערע לייבטער, איינע פון די פרויען וויים-פּרעזידענ-טען.

די דעלעגאַטען האָבען אָנגעוויזען, אַז איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען פאַר דער קאָנווענשאַן איז געווען: צו שאַפען אַ באַדייטענדע סומע געלט, צו דעקען דעם דעפיציט וואָס די אינ-טערנעשאַנעל האָט איצט, אויך אָנצו-פירען דעם גרויסען אָרגאַניזאַציאָנס-קאַמפּיין און אויך צו קענען מאַכען געהעריגע ביישטייערונגען צום יונאַי-טעד דזשואיש אַפּיל, הסתדרות און אַלע אַנדערע געזעלשאַפטליכע טעטיג-קייטען, אין וועלכע די אינטערנעשאַ-נעל נעמט אַ וויכטיגען אַנטייל.

פאַר דעם צוועק איז רעקאָמענדירט געוואָרען אַרויפצולעגען אַ טעקס פון צוויי דאָלאַר אויף אַלע מיטגלידער, וואָס זאָל גיין דירעקט צו דער אינ-טערנעשאַנעל, און אַ חוץ דעם זאָל אויך זיין אַ טעקס פון פינף דאָלאַר אויף מענער-אַרבייטער, און דריי דאָ-לאַר אויף די פרויען-מיטגלידער. דאָס געלט קאָן אויסגעצאָלט ווערען אין עטליכע ראַטעס.

מאַרקס לואיס, דער סעקרעטאַר, האָט זיך הויפּטזעכליך אָפּגעשטעלט אויף די צוקונפטיגע פּלענער צו פירען די יוניאָן אין די זעלבע וועגען וואָס דער פריערדיגער פּרעזידענט, מאַקס זאַ-ריצקי האָט געפירט, צוליב וועלכע זי האָט זיך ערוואָרבען אַזאַ גרויסען נאָמען אין דער אַלגעמיינער אַרביי-טער-באַוועגונג איבער'ן לאַנד און וואָס האָט זי אַזוי באַליבט געמאַכט ביי דער גרויסער מיטגלידערשאַפט.

נאַטאַניעל ספּעקטאָר, דער מענע-דזשער, האָט אויך אָפּגעגעבען אַן אַלגע-מיינעם איבערבליק איבער דער לאַגע אין דעם מילינערי-טרעיד, אַנגעוויזענ-דיג אויף דער שווערער לאַגע צוליב דעם וואָס אַ סך מאַנופעקטשורערס אימפּאָרטירען די "באַדיס" פון טשע-כאָסלאָוואַקיע. אָבער דאָך, האָט ער געזאָגט, איז די אינדוסטריע אין אַ גו-טען צושטאַנד און די אויסזיכטען אויף דער צוקונפט זיינען גאַנץ צופרידענ-שטעלענדיגע.

ספּעקטאָר האָט אויך אָפּגעגעבען אַ לענגערען באַריכט וועגען דער פראַגע וואָס די קאָנווענשאַן האָט געדאַרפט ענטשיידען: ווער עס זאָל אויסגע-קליבען ווערען אַלס דער נייער פּרע-זידענט. אַלס טשערמאַן פון דער נאָ-מינאַציע-קאָמיטע איז אים געלונגען אויסצואווירקען, אַז אַלעקס ראָוז, דער מיטגליד פון לאָקאַל 24, דער גרעס-טער לאָקאַל פון דער אינטערנעשאַנעל, און איינער פון די איבערגעבענסטע בויערס פון דער יוניאָן, זאָל ערוויילט ווערען.

י. ה. גאָלדבערג האָט גערעדט ווע-גען דער אַלגעמיינער אַרבייטער-באַ-וועגונג אין לאַנד און וועגען דער וויכ-טיגער ראָלע פון דער מילינערי יוניאָן, סיי אויפ'ן עקאָנאָמישען און סיי אויפ'ן פּאָליטישען געביט, און ספּע-ציעל וועגען דער גרויסער הילף וואָס די יוניאָן גיט צו דער נייער מדינת ישראל.

סערע גלייבער האָט זיך הויפּטזעכ-ליך אָפּגעשטעלט אויף דעם, אַז די פאַראייניגונג פון אַלע סאָרטען פון היטלען אין איין אינטערנעשאַנעל איז געווען אַ געלונגענע. זי האָט אויך וואַרים באַגריסט דעם אויסוואַל פון אַלעקס ראָוז אַלס דער נייער פּרעזי-דענט.

אַן אויסערגעוויינליכען איינדרוק האָט געמאַכט אויף די מיטגלידער, ווען ביי דער ענדע פון איר רעדע איז צו איר צוגעקומען איר פאָטער, אַ מיט-גליד פון דער יוניאָן, און האָט איר אַ קוש געגעבען. די פאַרזאַמעלטע האָ-בען דאָס האַרציג אַפּלאָדירט.

אַלעקס ראָוז האָט אין זיין רעדע אַרויסגעוויזען אַזאַ טיפע ליבשאַפט און איבערגעבענקייט צו די מיטגלי-דער און דער יוניאָן בכלל, אַז ער האָט ממש פאַר'כשופ'ט די פאַרזאַמעלטע.

ראָוז האָט דערציילט, אַז ער איז געווען 16 יאָר אַלט, ווען ער איז אַנ-געקומען אַלס אַרבייטער אין פאַך און איז געוואָרען אַ מיטגליד פון דער יוניאָן. און רעדענדיג וועגען די פיל-פאַכע מדרגות, וואָס ער איז דורכגע-גאַנגען, ביז ער האָט זיך ערוואָרבען אַ וויכטיגען אָרט אין דער אַלגעמיינער אַרבייטער-באַוועגונג און אויך אין דער פּאָליטישער פירערשאַפט פון לאַנד, קיין בעסערען "ערפאָלג" האָט ער זיך אַליין ניט געוואונשען, האָט ער געזאָגט. ער האָט פאַרזיכערט די מיט-גלידער, אַז ער וועט זיין אַ גוטער פּרעזידענט.

ראָוז האָט אויך אינפאָרמירט די מיטגלידער, אַז היינטיגס יאָר וועט די יוניאָן צאָלען דעמזעלבען וואַקיישאַן-בענעפיט ווי פאַראַיאָרען, נעמליך: 50 דאָלאַר צו בלאָקערס, 65 דאָלאַר צו קאַטערס און אָפּערייטאָרס, 50 דאָלאַר צו שיפּערס און סטימערס, און 42 דאָלאַר צו מילינערס און טרימערס. אַלעס צוזאַמען וועט אויסגעצאָלט ווע-רען אַרום אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר צו אַן ערך צען טויזענט מיטגלידער.

וועגען דער קאָנקורענץ פון די אימ-פּאָרטירטע היטלען האָט ראָוז געזאָגט, אַז ער פּלאַנעוועט צו האָבען אַ קאָנ-פערענץ מיט די וויכטיגסטע מאַנו-פעקטשורערס און באַוועגען זיי אָפּ-צושטעלען דעם האַנדעל מיט אַ לאַנד, וואָס ווערט געפירט פון קרעמלין און וואָס פּראָדוצירט אירע סחורות מיט שקלאַפען-אַרבייטער.

מאַרקס לואיס, דער ניי-ערוויילטער סעקרעטערי-טרעזשורער, האָט גערעדט וועגען דעם דעפיציט אין דער אינ-טערנעשאַנעל און ער האָט געמאַכט אַ שטאַרקען אַפּיל אָנצונעמען דעם טעקס.

דער גאַנצער רעפּאָרט מיט דעם טעקס-פאָרשלאַג זיינען איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען.

דער טשערמאַן פון מיטינג איז גע-ווען אייב מענדעלאָוויץ, וועלכער איז דער אַסאָשיעיט מענעדזשער צו נאַטאַ-ניעל ספּעקטאָר.

דער פּראָטאָקאָל איז געלייענט גע-וואָרען פון פּראָטאָקאָל-סעקרעטער מאָרים פּלעשלער.

## זיצונגען פון דער נאַציאָנאַלער באָאַרד און דירעקטאָרען פון אַרבייטער רינג היינט, שבת

אין פאַרבינדונג מיט דער גאָלדע-נער יובילעי-קאָנווענשאַן וואָס ווערט איצט אָפּגעהאַלטען, וועט די נאַציאָ-נאַלע באָאַרד און דירעקטאָרס פון אַר-בייטער רינג אויפ'ן סמך פון אירער אַ רעפערענדום אָפּשטימונג, אָפּהאַל-טען אירע זיצונגען אַנפאַנגענדיג היינט, שבת, 10 אַזייגער פאַר מיטאָג, אין סטאַטלער האָטעל.

אין די זיצונגען וועלען זיך באַטיי-ליגען די פאָלגענדע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער באָאַרד און דירעק-טאָרס: י. לעוויט, קאַליפאָרניע; ה. פייטעלסאָן, ברידזשפּאָרט, קאָנ.; ל. עלקין, מיאַמי ביטש, פלאָרידאַ; מ. פּראַגער, שיקאַגאָ; ד. אייזענבערג, באָסטאָן; איוואַ קעץ, באַלטימאָר; ב. שיפּרין, דעטראָיט; מ. אַראָנאָף, נ. דזש.; מ. איווענסקי, ניו יאָרק; מאַקס וואַהל, קליוולאַנד; אייב קופּער, טאָ-ראָנטאָ, קאַנאַדע; סאַם רודאָוו, פילאַ.; דזש. גראָסמאַן, מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, און אַ. ראַפּאַפּאָרט, נאָרפאָלק, ווירדזשיניע.

די זיצונגען וועלען ערעפענט ווערען פון פריינט יעפים ישורין, פּרעזידענט פון אַרבייטער רינג. דאַן וועט יעדער דירעקטאָר באַריכטען וועגען די אַר-בייטער רינג טעטיגקייטען אין זיין רעספּעקטיווען סטעיט. פריינט מ. אי-ווענסקי, סעקרעטאַר פון דער נעשאַ-נעל באָאַרד און דירעקטאָרס, וועט באַריכטען וועגען דער אַרבייט פון די דירעקטאָרען פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר.

פריינט ס. רודאָוו, וועלכער האָט פאַרטראָטען די נאַציאָנאַלע באָאַרד און דירעקטאָרס ביי דעם אַרב. רינג שול-צוזאַמענפאָר אין עסבורי פּאַרק, וועט אָפּגעבען אַ באַריכט. דאַן וועלען די דירעקטאָרען פאַרהאַנדלען די פאַר-שידענע רעקאָמענדאַציעס צו דער קאָנווענשאַן.

געוויינליך האַלט אָפּ די נאַציאָנאַ-לע באָאַרד און דירעקטאָרס אירע זי-צונגען ביים סוף פון יעדען יאָר, אָבער צוליב דעם גרויסען יום-טוב, צוליב דער יובילעי-קאָנווענשאַן, האַלט אָפּ די נאַציאָנאַלער באָאַרד און דירעק-טאָרען די זיצונגען איצט.

אַלע מיטגלידער פון דער נאַציאָ-נאַלער באָאַרד און דירעקטאָרען ווע-לען זיך באַטייליגען אין דער גרויסער יובל-פייערונג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, מאָרגען, זונטאָג, און אויך אין די קאָנווענשאַן-זיצונגען, ביי וועלכע זיי וועלען אויפנעמען די באַריכטען פון די נאַציאָנאַלע באַאַמטע און פון די פאַרזיצער פון די פאַרשידענע קאָמי-טעס פון אַרבייטער רינג.

## דר. פינקעלשטיין שטיצט פאָדערונג פון די העברעאישע לערער פאַר העכערונג

די פאָדערונג פון די קנאַפּע טוי-זענט העברעאישע לערער אין ניו יאָרק און אומגעגענד, אַז זייערע געהאַלטען זאָלען געהעכערט ווערען, איז אַ גע-רעכטע און דאַרף באַוויליגט ווערען דעם קומענדיגען זמן, האָט נעכטען ער-קלערט דר. לואיס פינקעלשטיין, פּרעז-ידענט פון אידישען טעאָלאָגישען סע-מינאַר פון אַמעריקע, אין אַ סטעיט-מענט וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָ-רען פון דער "אגודת המורים העברים", די העברעאישע לערער יוניאָן.

"עס איז די פליכט פון דער העברעאי-שער ערציאונג צו זעהן, אַז דער מצב פון דעם העברעאישען לערער זאָל פאַרבעסערט ווערען, אַז דער לערער זאָל באַפרייט ווערען פון דאגת פרנסה. דער העברעאישער לערער גיט אַ גרוי-סע ביישטייערונג צו דער אידישער ערציאונג בפרט און צום אידישען גייסטיגען לעבען בכלל און איך אונ-טערשטיץ מיט'ן גאַנצען האַרצען זיין גערעכטע פאָדערונג פאַר אַ הוספה", האָט דר. פינקעלשטיין געזאָגט.

די העברעאישע לערער, וואָס לער-נען איצט מיט אַרום 50 טויזענד קינ-דער אין עטליכע הונדערט ניו יאָרקער תלמוד תורה'ס און ישיבות, פאָדע-רען איצט אַז מען זאָל העכערען זייער געהאַלט יערליך, ביז עס וועט באַטרע-פען די מאַקסימום סומע פון 3,900 דאָלאַר אַ יאָר. די דאָזיגע סומע איז זיי באַוויליגט געוואָרען מיט עטליכע יאָר צוריק פון אַ "באָרד אָוו רעוויו" פון בעלי-בתים וואָס דער ניו יאָרקער "אידישער ערציאונגס - קאָמיטעט" האָט געהאַט באַשטימט צו אונטערזו-כען זייער לאַגע. פילע תלמוד-תורה'ס און ישיבות האָבען צוגעשטימט צום דאָזיגען סקעיל, אָבער פילע אַנדערע האָבען ביז איצט זיך אַנטזאָגט דאָס אַנצונעמען.

די "אגודת המורים" פאָדערט אויך איצט, אַז די תלמוד-תורה'ס און ישי-בות זאָלען ביישטייערען צום "סער", דעם אונטערשטיצונגס-פאָנד פאַר אַל-טע און קראַנקע לערער, וואָס דער "אידישער ערציאונגס - קאָמיטעט" האָט געגרינדעט צוזאַמען מיט דער יוניאָן. העברעאישע לערער, אַלס רע-ליגיעזע אינסטרוקטאָרען, באַקומען ניט קיין סאָשעל סעקיוריטי אָדער עלטער-פּענסיע פון דער רעגירונג.

די אגודת המורים העברים האָט איר הויפּט-קוואַרטיר אין 111 — 5טע עוועניו ביי דער 18טער גאַס. יוסף רייזבערג איז דער פּרעזידענט, יעקב סי-גאַר, וויים-פּרעזידענט און אַברהם איס-רוב דער עקזעקוטיוו-דירעקטאָר.

## אַרבייטער רינג האָט געשיקט באַגריסונגס טעלעגראַמע צו דער אַמאַלגאַמעיטעד קאָנווענשאַן

ווען עס איז לעצטע וואָך אָפּגע-האַלטען געוואָרען די אַמאַלגאַמעיטעד קאָנווענשאַן אין קליוולאַנד, איז צו דער קאָנווענשאַן געשיקט געוואָרען אַ טעלעגראַמע אונטערגעשריבען פון די הויפּט-באַאַמטע פון אַרבייטער רינג, יעפים ישורין, פּרעזידענט, י. באַסקין, גענעראַל סעקרעטאַר. די אַרויסגעשיק-טע טעלעגראַמע לייענט זיך ווי פאָלגט:

"מר. דזשייקאָב פּאָטאָפסקי,
פּרעזידענט אַמאַלגאַמעיטער קלאָדינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע,
האָטעל האָלאַנדען,
קליוולענד, אָהאַיאָ

אין דעם נאָמען פון די 70,000 מיטגלידער פון אַרבייטער רינג, באַ-גריסען מיר אייך, די באַאַמטע און די דעלעגאַטען צו אייער קאָנווענשאַן. מיר זיינען העכסט צופרידען פון דער פראַ-טערנאַלער פאַרבינדונג, וועלכע האָט אַלעמאָל אָנגעהאַלטען אויף דעם וואַ-רימסטען אופן צווישען אונזערע ביי-דע אָרגאַניזאַציעס. אייערע דערגריי-כונגען פאַר דעם וואוילזיין פון אייע-רע מיטגלידער און אייער ביישטייער צו דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין פון דעם לאַנד און צו אַלץ וואָס איז פּראָגרע-סיוו און וויכטיג פאַר דער מענשהייט אַלס אַ קאָנסטרוקטיווען כוח אין דעם לעבען פון אונזער לאַנד.

"מיר שיקען אייך אונזערע בעסטע וואונשען און האָפען אַז אייערע פאַר-האַנדלונגען וועלען צוגעבען נאָך גלאָר-רייכע קאַפּיטלען צו דעם רעקאָרד פון אייער פאַרגאַנגענהייט און אַז אייער אָרגאַניזאַציע וועט צוזאַמען מיט אַלע טיילען פון דער אַרבייטער-באַוועגונג שפּרייזען צו אַ וועלט אַ בעסערער פאַר דער גאַנצער מענשהייט".

## פון ניו יאָרק שטאָט קאָמיטע אַרבייטער רינג

צוליב דעם וואָס אין דער וואָך פון דעם 28סטען מאַי וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דער 50-יאָריגער קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג, וועט ניט זיין קיין זיצונג פון דעם ניו יאָרקער שטאָטי-שען קאָמיטעט פון אַרבייטער רינג. דער נעקסטער מיטינג פון שטאָטישען קאָמיטעט וועט אָפּגעהאַלטען ווערען דינסטאָג, דעם 6טען יוני, 6 אַזייגער אין אָוונט.

## היינטיגע מיטינגען

**ביאַליסטאָקער ברענטש 88 אַ. ר.**

היינט, שבת, 8 אָוונט, אַ ספּעשעל מיטינג אין ביאַליסטאָקער צענטער, 228 איסט בראָד-וועי. שטרייך אָוונט. דער ברענטש רופט אַלע מיטגלידער צו קומען מאָרגען, זונטאָג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען צום 50-יאָריגען יובילעי פון אַרב. רינג.

**ברענטש 352 אַרב. רינג**

אַ ספּעשעל מיטינג היינט, שבת, אין אונ-זער מיטינג לאָקאַל. שטרייך אָוונט.

**לאָדזער ברענטש 342 אַרב. רינג**

היינט, שבת, 8 אָוונט, קומט פאָר דער זיי-געזונט יום-טוב פאַר אונזער סעקרעטער איזידאָר סילווערמאַן, אין טאַו'ס רעסטאָראַן, 59 צווייטע עוו. סילווערמאַן איז אַ דעלעגאַט צו דער יובל-קאָנווענשאַן פון אַרב. רינג. עס איז צוגעגרייט געוואָרען אַ פיינער מאָלצייט. אין דעם אַרטיסטישען פּראָגראַם וועט זיך באַטייליגען דער באַוואוסטער אל הערים.

**ברענטש 402 און פרויען קולטור קלוב**

היינט, שבת אָוונט, קומט פאָר דער שלום באַנקעט פון ברענטש און פרויען קלוב, אין אַרב. רינג קולטור סענטער, 8774 בעי פּאַרק-וועי. עס וועט זיין אַ גוטער מאָלצייט און אַ פיינער קאָנצערט. די גאַנצע איינגאַמע גייט פאַר דעם אַרב רינג אָלד עידזש האָום.

**שלום-באַנקעט פון איסט פלעטבוש אַ. ר. שול 3**

היינט, שבת, 8:30 אָוונט, וועט אין שול 478 א. 96טע סט., ברוקלין, פאָרקומען דער שלום-באַנקעט פון שול. אַ רייכער קאָנצערט פּראָגראַם מיט'ן אַנטייל פון באַוואוסטען זינ-גער משה שווימער און אַנדערע, וועט דורכ-געפירט ווערען. אַ געשמאַקער געקאָכטער מאָלצייט וועט סערווירט ווערען.

**סאָציאַליסטישע קאָנסומערס ליג**

די סאָציאַליסטישע קאָנסומערס ליג ברענטש 8 פון בראָנזוויל רופט אַ מיטינג פאַר היינט, שבת, אין ריס' פּלעיס, 31-141-72 קרעשען, פלאָשינג, לאָנג איילאַנד.

**היברו בוטשער וואָירקערס יוניאָן לאָקאַל 234**

דער לאָקאַל 234 טיילט מיט, אַז אַלע מיט-גלידער פון דער יוניאָן, וואָס זיינען באַשעפ-טיגט אין פרישע פלייש שעפּער וועלען ניט אַרבייטען דעם גאַנצען טאָג דינסטאָג, דעקאָ-רעישאַן דעי, מאַי 30. די וואָס אַרבייטען אין בשר פלייש מאַרקעטס וועלען אַרבייטען אַ האַלבען טאָג דינסטאָג.

## בר. 560 אַ. ר. פאַרגרעסערט זיין מעמבערשיפּ אין 2 יאָר

אַ נעט צוּוואוקס פון 78 מעמבערס זינט דער 1948 קאָנווענשאַן איז דער רעזולטאַט פון אַן אינטענסיווען מעמ-בערשיפּ קאַמפּיין, וועלכער איז אָנגע-פירט געוואָרען פון ברענטש 560. אַ ספּעציעלען דאַנק קומט צו פריינט מאָרים גרינגלעס, וועלכער איז ניט קיין מעמבער אין ברענטש 560 (ער איז אַ מעמבער עט לאַרדזש) אָבער זיין לאָיאַליטעט צום אַרב. רינג ווערט דורך דעם ניט געמינערט — ניט ווייניגער ווי פערצען מעמבערס האָט ער אַריינגעבראַכט אין פאַרלויף פון 8 וואָכען. און טאַקע דערפאַר איז ביים לעצטען מיטינג פון ברענטש באַשלאָ-סען געוואָרען אים אויסצודריקען אַן עפענטליכען דאַנק און איינלאַדונג צו-זאַמען מיט פריינט בעזמאַן, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס דעלע-גאַט צו דער יובילעי קאָנווענשאַן. דער ברענטש שיקט אונזער האָספּי-טאַלער, פריינט קוזניץ, אַלס ערנ-דעלעגאַט.

## טרויער אויסדרוק פון דעם ניו יאָרקער שטאָט קאָמיטעט פון אַרבייטער רינג

דער ניו יאָרקער שטאָטישער קאָ-מיטעט פון אַרבייטער רינג טרויערט אויפ'ן פלוצלונגדיגען און פריצייטיגען טויט פון מאַקס קאָהען, מענעדזשער פון לאָקאַל 60 אינטערנעשאַנעל.

מיר שיקען אונזער סימפּאַטיע צו אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל 60 און צו דער פרוי און קינדער פון דעם פאַרשטאָרבענעם.

## דוד דוירסט, מענעדזשער פון בעיקערי סעילסקלוירקס, לאָקאַל 150, ערהאַלט זיך נאָך אָפּעראַציע

לעצטע וואָך האָט דוד דוירסט, מע-נעדזשער פון דעם בעיקערי סעילס-קלוירקס לאָקאַל 150, אַ. פ. אָוו ל., דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אין בראָנקס האָספּיטאַל, וואו ער איז גע-לעגען איבער אַ וואָך צייט.

די אָפּעראַציע איז אַדורך בשלום און מר. דוירסט געפינט זיך שוין אין זיין הויז, 171 מינאַ סטריט, ברוקלין.

אין די קומענדיגע טעג וועט מר. דוירסט צוריק זיין ביי זיין פּאָסטען אין דער יוניאָן, וואָס געפינט זיך אויף 147 — 4טע עוועניו, ניו יאָרק.

מענעדזשער דוירסט דאַנקט אַלע אָרגאַניזאַציעס, יוניאָנס און פריינט, וועלכע האָבען אים געשיקט גוט-וואונ-שען צו זיין ערהאָלונג.



# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

סאַני איז געווען אַ גוטער קאַמפּאַ-ניאָן פאַר זיינע חברים. זיינע וואונ-דערליכע, איינגעבוירענע פעאיגקייטען, וואָס ער האָט ניט גענוצט, האָט ער פאַרוואַנדעט אויף אַלערליי איינפאַלען צו האָבען "פאַן". קיינער איז ניט געווען אַזוי פאַרשיידענאַרטיג ווי ער אין זיינע איינפאַלען ווי צו פאַרברענ-גען די צייט און ניט דאַרפען זיך לאַנג-ווייליגען.

— לעט'ס האַוו סאַם פאַן* — איז געווען זיין באַליבטער ווערטעל. ער האָט צו יעדער צייט געקענט קריגען זיין טאַטענ'ס אויטאָמאָביל און אינ-איינעם מיט זיינע פריינט אַרומפאָרען יעדעס מאָל אין אַ נייעם פּלאַץ: אין "טשאַינאַ טאַון", אין גרעניטש ווי-לעדזש און צו אַלערליי קאַבאַרעטען.

און אוודאי האָט סאַני געהאַט אַ סך באַקאַנטע יונגע מיידלעך אַרום זיך. צו געפעלען זיי האָט ער אַפילו זיך ניט געדאַרפט אָנשטרענגען. יעדע מיידעל האָט עס געהאַלטען פאַר אַ גר-טען צופאַל, אַז סאַני האָט איר "אויס-געוועהלט" צו גיין ערגעץ מיט אים פאַרברענגען אַן אָוונט. עס איז אַלע-מען געפעלען סאַני'ס אופן פון ריידען, מיט אַ טאָן פון איראָניע און סאַר-קאַזם. און אין דעם אופן ווי ער האָט אָפּגעלאַכט פון אַלץ, האָט זיך געפיהלט ווי ער איז מיט זיך ניט צופרידען. און מענשען האָבען אים דערפאַר גע-שטעלט זעהר הויך.

אין דער היים איז סאַני געווען אומ-געדולדיג און קאַפּריזנע מיט זיינע איי-גענע, און אידא'ן, זיין מאַמען, איז שווער געווען איר זוהן צוצוטרעפען אין עפּעס. צו געבען סאַני'ן עסען איז ביי איר יעדעס מאָל געווען אַ פּראָבלעם. זי פלעגט אָנשטעלען אַ טיש מיט עסענווארג ווי פאַר דעם קייסער און סאַני האָט פון אַלץ נאָר פאַרזוכט. אַ ביס דאָ, אַ ביס דאָרט און ער האָט אַלץ אָפּגעשטופּט פון זיך. אַן אַנדערס מאָל האָט ער זיך נאָך גע-קענט גוט אָנבייזערען אויף זיין מאַ-מען און זיך צושרייען אויף איר:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מאכל וואָס דו האָסט געמאַכט? ווער האָט דאָס דיר געבעטען?

און אידא האָט דאָס אַלץ אָנגענו-מען פאַר ליב. זי האָט פאַרבויגען איר שטאָלץ און געשוויגען. זי האָט גע-טראַכט אַזוי: וואָס איז זי אַנטקע-גען איר גרויסען זוהן? ער איז אַזוי הויך אויסגעוואַקסען ביי איר אין די אויגען, און אין פאַרגלייך מיט אים האָט זי זיך געפיהלט אָפּגעשטאַנען, כמעט אַלט-מאָדיש. איצט, אַז איר טאָכטער דאָראַטי איז שוין ניט גע-ווען אין דער היים, האָט זי שוין גע-קענט אינגאַנצען זיך ווידמענען צו אים. זי האָט אין אַלץ פאַרלאָזען אים דעם וועג און אויסגעפילט זיין פאַרלאַנג נאָך איידער ער האָט עס אַרויסגע-זאָגט. איר גאַנצער לעבען האָט זיך איצט געדרייט נאָר אַרום איר זוהן. עס האָט פּאַסירט, אַז זי האָט אין אָוונט געדאַרפט ערגעץ גיין, זעהן איר פריינט, און זי האָט באַשלאָ-סען בעסער בלייבען אין שטוב, טאָ-מער וועט סאַני קומען צו-גיין און זי וועט אים דאַרפען געבען עסען.

ווען סאַני האָט אויפגעהערט גיין אין קאָלעדזש, האָט ער דער מאַמען ווייניג וואָס ערקלערט די אורזאַכע פון דעם. אידא'ן איז אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ צו פרעגען ביי אים:

— "ערקלער מיר, מיין זוהן, פאַר-וואָס האָסטו איבערגעריסען דאָס לער-נען און וואָס טוסטו איצט?"

נאָר זי האָט ניט געוואָלט צושטיין צו אים מיט פראַגעס, אַז זי זאָל ניט הייסען אַן אַלט-מאָדישע מאַמע. סאַ-ני'ס גלייכגילטיגקייט צו איר האָט ווי געטאָן, נאָר זי האָט עס געשטיקט אין זיך. זי וואָלט אַלץ געטאָן צו דער-נעענטערען איר זוהן צו זיך, נאָר זי האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי. אַז איר האַרצווייטאָג איז שוין געווען צו גרויס איז זי אויף אַ טאָג צייט געווען אָנ-גע'ברוגז'ט אויף איר זוהן. נאָר סאַני האָט עס באַלד דערפיהלט:

— וואָס איז דער מער, מאַ? עני-טינג ראָנג? (עפּעס איז ניט אין אָר-דענונג?) — האָט ער צו איר אַ שמיי-כעל געטאָן. און דאָס איז געווען גע-נוג, אַז איר פאַרדרוס אויף אים זאָל צוגיין.

"אויב סאַני איז אַמאָל שלעכט צו איר, איז דאָס ניט זיין שולד" — האָט זי אין זיך געטראַכט — "שולדיג זיי-נען זיינע חברים, די איבער-קלוגע בחורים און מיידלעך וואָס פירען אים איבער"...

די מינוט, וואָס סאַני איז אַריינגע-פאַלען אין שטוב מיט זיין "באַנטש" חברים, איז אידא געוואָרען שטאַרק אויפגעלעבט. זי איז באַלד געווען פאַרנומען מיט דעם אויפנעמען זיי, מיט שטעלען פאַר זיי כיבוד. און אַז זיי זאָלען זיך דאָ פיהלען פריי, האָט זי אַליין געהאַלטען זיך אַן אַ זייט און פון איר ווינקעל האָט זי צוגעקוקט ווי איר זוהן איז אָנגענומען ביי זיינע פריינט. סאַני איז געבענטשט מיט דער אייגענשאַפט צו קענען גוט רעדען, און אַז ער צערעדט זיך, הערען זיי אים מיט גרויס אינטערעס און זיי שטימען מיט אים איין אין אַלץ. און מיט הנאה קוקט זי זיך צו ווי איר זוהן פירט מיט זיי, ווי ער איז מער פּער-זענליכקייט פון זיינע חברים.

"וועגען וואָס רעדט ער דאָס איצט, איר זוהן, און ער איז אַזוי צעהיצט?" — אידא האָט אָנגעשטרענגט איר גע-הער. זי האָט נאָר געקענט אויפכאַפּען אָפּגעריסענע ווערטער, נאָר זי שטיקע-וועט זיי צונויף אין איר געדאַנק, און פון הערען די זעלביגע רייד שוין עט-ליכע מאָל, האָט זי שוין געקענט כאַ-פּען דעם מיין דערפון. ער רעדט אַנט-קעגען די היגע סקולס, און אַנטקעגען די לערער, און ווי קיין זאַך געפעלט אים ניט אין היגען לעבען. ער לייי-קענט אַלץ אָפּ. ער רעדט פון די היי-מיגע יונגע מענשען, וואָס זיינען פאַר-ביטערט. זיי לעבען ניט ווי זיי ווי-לען, זיי טוען ניט וואָס זיי ווילען און זיי מוזען זיך אונטערוואַרפען אונטער יענעם און פאָלגען וואָס מען הייסט זיי. און אידא הערט און זי וואונדערט זיך שטאַרק:

— "דאָס מיינט ער זיך אַליין, סאַ-ני". — זי איז באַאומרואיגט. — "דוכט זיך וואָס פעלט אים? ער קען דאָך האָבען אַלץ וואָס ער וויל..." — זי איז צעטומעלט איצט, אידא, און זי באַשליסט ביי זיך, אַז זי וועט אַפילו איר מאַן דערווייל ניט דערציילען פון דעם אַלץ.

———

סאַני איז איינמאָל אין אַ בייטאָג ביי זיך אין צימער געלעגען אויסגע-צויגען אויף דער קושעטקע און אַ פאַר-קלערטער האָט ער געקוקט אויפ'ן באַל-קען. זיין אומצופרידענהייט מיט זיך אין יענעם טאָג איז געווען גרעסער ווי געווען עס איז. אים האָט ניט געאַרט, וואָס ער האָט איבערגעריסען דאָס לער-נען אין קאָלעדזש. ער האָט דאָך גע-האַט זיין אייגענע מיינונג וועגען דעם, אַז דער קאָלעדזש גיט נאָך ניט קיין אמת'ע בילדונג. עס איז נאָר פאַר די יונגע לייט מיט מיטעלמעסיגע פע-איגקייטען, וואָס יאָגען זיך נאָך די-פּלאָמען. און אַז מער וויסען קען מען זיך דערוואַרבען אַליין, דורך ליי-נען ביכער און אָנזעהן אַ וועלט...

סאַני איז געווען אומצופרידען ניט אַזוי מיט זיך, ווי מיט דעם אַרום. אים האָט זיך כסדר געדאַכט, אַז אַנדערע מענשען זיינען שולדיג און ניט ער, אויב עס האָט זיך אים עפּעס ניט איינ-געגעבען. מענשען פאַרשטייען אים ניט. זיין באַזונדערע פּערזענליכקייט, זיינע גרויסע פעאיגקייטען — זיי שאַ-צען דאָס ניט אָפּ. ער האָט ליגענדיג אויפ'ן סאָפעקלע אויסגעצויגען די האַנט, געוואָלט אָנשטעלען די קליינע ראַדיאָ וואָס לעבען אים, נאָר עס איז גראָד געווען די נייעס פון טאָג, און ער האָט עס באַלד פאַרמאַכט צוריק. ער האָט שוין געוואוסט אַפריער וואָס זיי וועלען געבען... נייעסען פון אַן אומרואיגער וועלט, פון יקרות, פון סטרייקס און פון דער אייביגער שרעק פאַר אַ קומענדיגער מלחמה... ער וויל דאָס ניט הערען. עס מאַכט אים צו-פיל נערוועז.

סאַני איז איצט געווען גלייכגילטיג צו אַלץ. די וועלט איז אין אַ כאַאָס. קיינער איז מיט קיין זאַך ניט זיכער און עס לוינט זיך ניט אָנצושטרענגען עפּעס צו דערגרייכען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער'ן צימער. זיינע ביכער אויף די פּאָליצעס, די "סקע-טשעס" אויף די ווענט, וואָס ער האָט אַליין געצייכענט. עס איז אים שוין דאָס אַלץ מיאוס געוואָרען.

(ווייטערס מאָרגען)

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

אַ דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער • געשריבען ספּעציעל פאַר'ן "פאָרווערטס" פון שלמה בן-ישראל (נאַכדרוק פאַרבאָטען)

(פאָרטזעצונג)

— ריכטיג! און דעריבער נויטיגען מיר זיך אין אַזעלכע סאָרט מענשען ווי איר זיינט, — האָט ניסים גאון געזאָגט. — אַלזאָ, איך גלויב, אַז איר ווייסט אַצינד אַלץ וואָס עס איז נויטיג פאַר אייך ביים איצטיגען מאָמענט. איך וועל צו וויסען געבען אונזערע מענשען אין באַגדאַד, אַז איך שיק הילף. כ'וועל ניט זאָגען ווער און וואָס און וויפיל. כ'וועל אָנזאָגען מען זאָל אייך געבען געלט ווען איר וועט זיך נויטיגען דערין. אויב איר וועט דאַר-פען אַפילו אַ האַלבען מיליאָן דינאַרס, וועט איר עס באַקומען. איך טרוי אייך, איך וועל ניט פאַרלאַנגען קיין רעכענונג און איר וועט ניט באַדאַרפען אונטערשרייבען קיין קבלה ("רעסיט") פאַר'ן געלט וואָס איר וועט נעמען, ווי אויך ניט האַלטען קיין רעכענונג. גע-דענקט אָבער: קומט ניט צוריק אָהן אַ קאָפּיע פון מיליטערישען פּלאַן, און אויב איר וועט זיך שטאַרק נויטיגען אין מיין הילף, עצה אָדער אירגענד וואָס, שיקט צו אַ "מעסעדזש". איך זאָג אייך אָבער אין פאָראויס: איר זיינט פריי צו האַנדלען ווי איר פאַר-שטייט. אַלץ וואָס איר וועט טאָן איז "כשר"! אַלצדינג: גנבה, מאָרד, אונטערצינדען — אַלץ וואָס איר פאַר-שטייט אַז עס איז נויטיג אום צו דער-גרייכען דעם ציל. איך גיב אייך אין פאָראויס פרייע הענט און איך גיב אייך אויך אַ גוטע עצה פון אַ ער-פאַרענעם מענשען: געדענקט, שפּיאָ-נאַזש איז ניט קיין דעטעקטיוו אַר-בייט. רעכענט זיך וואָס-ווייניגער מיט מאָראַל, יושר און גערעכטיגקייט, ווייכהאַרציגקייט און רחמנות. גע-דענקט, עס איז אַ שפּיל פאַר לעבען און טויט. גיט אָפּ אַלע אייערע סענ-טימענטען. אויב איטיצער איז אין אייער וועג, רוימט אים אָפּ, אַנישט וועט ער אייך אומברענגען. נעמט ניט קיין "טשאַנסעס". היט זיך פון ווייַן און "אַראַק" (אַ סאָרט אַראַבישע וויסקי), ווייכט פון פרויען, באַמיט זיך ניט צו שלאָפען דאָרט וואו אַ פרעמדער קען אונטערהערען ווען איר שרייט אַמאָל עפּעס אויס פון שלאָף. עס פּאַסירט, אַז מען שרייט אויס אין שלאָף ווען מען האָט אַ בייזען חלום, און אין אייער אַרבייט וועלען אייך קיין בייזע חלומות ניט פעלען...

אַ ווייַלע האָט ניסים געשוויגען. דאַן האָט ער צוגעגעבען אין דער שטיל:

— און די הויפּט זאַך: זייט גרייט צו שטאַרבען... שטאַרבען אויב נויטיג פון די שרעקליכסטע ליידען... אָבער שטאַרבען שטום ווי די וואַנט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און די דריי יונגע האָבען נאָכגעפאָלגט זיין ביישפּיל.

— איך דאַרף אייך מער ניט און איר דאַרפט מיך ניט מער — האָט ניסים גאון אויסגערופען — איר וועט פאַרלאָזען תּל-אביב ניט שפּעטער פון צען טעג פון היינט. איר דאַרפט מיר ניט קומען זאָגען דערפון. מיר געזעגע-נען זיך שוין אַצינד. אויב אָבער איר וועט מיך אירגענד ווען דאַרפען זען, וועט איר מיך דאָ געפינען. אויב כ'וועל ניט זיין, וועט אייך אויפנעמען אימי-צער אַנדערש. ווען איר קומט צו אַהער און מען וועט אייך פאַרהאַלטען איידער איר גייט דורך דעם טירעל פון הויף פאַרקאָן, דאַן זאָגט: "איך האָב פאַרגעסען מיין היטעל און איך גיי עס נעמען". ווען איר זענט שוין אויף דער זייט פון פאַרקאָן אין דער אָפּגערעדטער צייכען ווי פאָלגט: איר וואַרט ניט מען זאָל אייך פרעגען. איר זאָגט גלייך צום מענשען וועמען איר וועט אַנטרעפען:

"היום קצר והמלאכה מרובה" (דער טאָג איז קורץ און די אַרבייט איז פיל).

דער מענש וועט דאַן אויסרופען: "גשם בנגב" (רעגען אין נגב).

און דאַן דאַרפט איר זאָגען: "לא המדרש העיקר אלא המעשה" (דער עיקר איז ניט דאָס רעדען נאָר דאָס טאָן).

די דריי דעטעקטיוו יונגען האָבען איבערגע'חזר'ט די אָפּגערעדטע צייכענס און מר. גאון האָט זיך אָפּגע-רופען:

— דאָס איז אַלץ. באַטש מיר האָבען דאָ יעדען טאָג אַן אַנדערען צייכען, איז אָבער ווען אימיצער פון אייך וועט קומען מיט אָט די אָפּגערעדטע ווערטער וועט זיין אַ סימן, אַז מען דאַרף אים ברענגען גלייך צו מיר. טאָ חזר'ט זיך גוט איין די דאָזיגע צייכענס.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און האָט וואַרים געדריקט די הענט פון די דריי דעטעקטיוון.

— געהט אין גאָט'ס נאָמען און זייט מצליח! — האָט ער אויסגערופען אין דער שטיל און אומקערענדיג זיך צום טיש האָט ער אָנגעדריקט אַ קנעפּעל.

דער צודעק איבער די טרעפּ האָט זיך אויפגעעפענט ווי פון זיך אַליין. די דריי יונגען זיינען אַרויף מיט די טרעפּ וואָס האָבען געפירט צו דער קיך.

ווען דער צודעק האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט איז פון ערגעץ אין דער פינסטער הינטער די טרעפּ ערשינען די שלאַנקע מיידעל. אירע אויגען האָ-בען פייערהאַפט געגלאַנצט.

— נו, פּנינה, וואָס זאָגסטו? — האָט ניסים גאון אַ פרעג געטאָן ביי איר — האָסטו געהאַט גענוג צייט זיי אָנצוקוקען?

— יאָ, איך האָב זיי געזעהן... — האָבען אירע ליפּען שטיל געפּליסטערט — און דו ווייסט זעהר גוט, אַז ווען איך זעה איינמאָל אַ מענשען וועל איך אים אייביג געדענקען...

———

### די דעטעקטיווס פּלאַנעווען די ערשטע שריט

דער זעלבער יונגער "צאַברע", וועל-כער האָט זיי געבראַכט צום קעלער, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם צודעק און האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר וואָס האָט געפירט פון קיך צום הינטערש-טען טייל פון הויף. ער האָט ניט אַרויסגעזאָגט קיין איינציגען וואָרט און די דריי דעטעקטיווס האָבען אים שטום נאָכגעפאָלגט.

אין דרויסען איז געווען שטאַרק פינסטער און נאָר די ווייטע שטערען אין הימעל האָבען געשימערט מיט אַ שוואַכען שיין. דער "צאַברע" האָט זיי געפירט לענגאויס דער וואַנט פון הויז, פאַרביי די פינסטערע פענסטער. "אָט דאָ, פון איינעם פון די פענסטער, האָב איך אַרויסגעקוקט", האָט סענדער אַ טראַכט געטאָן — "איך וואָלט איצט ניט געשוואוירען אַז עס איז ניט געווען בן-גוריון... עס איז גאָרניט אויסגע-שלאָסען..."

זיי זיינען פאַרביי דעם פּאַלמען-בוים. זיי האָבען אַרום זיך ניט גע-קענט זעהן קיין לעבעדיגען נפש. אַלץ איז געווען טויט, אָפּגעשטאָרבען. קיין קאַרס זיינען פאַר'ן הויז ניט געשטאַ-נען. דער "צאַברע" האָט געעפענט דאָס טירעל אין פאַרקאָן און האָט אַ זאָג געטאָן "שלום!".

זיי זיינען אַרויס אין גאַס און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון שדרות רוטשילד, דאַן האָבען זיי זיך פאַרקירעוועט צו דער אחד-העם גאַס. זיי האָבען געהאַט אַ לאַנגען וועג צו גיין, ווייל די אחד העם גאַס האָט דורכגעשניטען כמעט אַ האַלבע שטאָט.

דעם גאַנצען וועג האָבען די דריי פריינט געשוויגען. די גאַסען זיינען געווען שטיל און ליידיג, דאָ און דאָרט האָט דער ווינט געשאָקעלט מיט אַ לאַמטערנע און די שאָטענס פון די בוימער קרוינען האָבען געקערט די גאַס מיט פאַנטאַסטישע בעזימער. מענשען זיינען רואיג געשלאָפען מיט'ן בעסטען, שטאַרקסטען שלאָף פון גרויען פאַרטאָג. די הייזער זיינען געשטאַנען פינסטערע און קאַלטע. פון צייט צו צייט האָט פון דער וויי-טענס זיך דערטראָגען דאָס ריטמישע קלאַפּען פון פערדישע קאָפּיטעס אויפ'ן אַספאַלט פון גאַס. דאָס האָט אַ בע-קער זיך געאיילט מיט פערד און וואַ-גען אָנצולאָדען די הייסע ברויטען און צופירען איבער דער שטאָט.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט מען געקענט הערען דאָס אומ-אויפהערליכע ברומען פון די ים כוואַ-ליעס. עס איז געווען די צייט פון גרויסען צופלוס און מען האָט געקענט שמעקען דעם ים פון ווייטענס. דער הימעל האָט געגלומען; ווערען בלאַס, די שטערען האָבען זיך אָנגעהויבען אויס-צולעשען. ווען די יונגען האָבען דער-גרייכט צום נומער 30 אויף אחד העם גאַס האָט דער שטאָט-זייגער אויסגע-קלונגען האַלב נאָך דריי.

צוקומענדיג צו דער טיר האָבען די דעטעקטיווס דערהערט פון אינווייניג אַ שטילען וואויען און די גראַבלעניש פון טעמפּע נעגעל אויף יענער זייט טיר. ווי נאָר זיי האָבען די טיר צו-עפענט איז זייער הונט "גבור" אַרויס-געפאַלען אויף זיי מיט ווילדער פרייד, שפּרינגענדיג פון איינעם צום צוויי-טען און באַלעקענדיג זייערע פּנים'ער מיט זיין לאַנגער, שאַרפער צונג.

דער הונט האָט זיך באַרואיגט ערשט דאַן, ווען יעדער פון זיינע צוויי-פיסיגע פריינט האָט אים מכבד געווען מיט אַ גלעט איבער דער מאָרדע, אַ צי פאַר'ן אויער אָדער אַ קראַץ אין קאָפּ.

— לאָמיר אויפזידען אַ טעפּעל מיט קאַווע און עפּעס איבערבייסען — האָט אויסגערופען סעדיה — עס איז צו-שפּעט זיך צו לייגען שלאָפען.

— דו מיינסט עס איז שוין צו-פרי — האָט סענדער געלאַכט.

— פרי צי שפּעט, איך קען איצט ניט צוריקגיין אהיים אויפוועקען דאָס גאַנצע הויזגעזינד — האָט סעדיה גע-זאָגט.

— ביזט גערעכט, סעדיה — האָט זיך אָפּגערופען ירמיהו — לאָמיר טאַ-קע מאַכען אַ הייסען טרונק און נעמען אַ קיי. מיר מוזען זיך גוט דורכ-שמועסען.

— יאָ, קיין סך צייט האָבען מיר ניט — האָט סענדער באַמערקט.

(ווייטערס מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

פון'ם אנדערען צימער האט סאני געהערט זיין מאַמען ארומגייענדיג שטיל, אויף די שפיץ פינגער. זי האט אוודאי געמיינט, אז ער שלאפט. עס איז אים שוין דערעסען איר גוטסקייט. דאס פארקוקען אים שטענדיג אין די אויגען. עס איז אים איבערדריסיג ווען זי הויבט אן פרעגען ביי אים אזוי פארזיכטיג:

„מיין זוהן, וואס טוסטו איצט? וואס קלייבסטו זיך היינט צו טאן?..."

ליגענדיג אזוי פארקלערט האט אים א בליץ געטאן א געדאנק, אז ער איז אזש אויפגעשפרונגען פון ארט. ער ווייס שוין וואס ער דארף טאן: ער וועט שרייבען א בוך. ער איז אליין באגייסטערט געווארען פון אט־דעם איינפאל. ער איז דאך געווען גוט מיט דער פען אויך, סאני. און אין קאלעדוש־זשורנאל האט ער א פאר מאל שוין געשריבען ארטיקלען. ער האט זיך א ווייל פארקלערט: וואס פאר א סארט בוך וועט דאס זיין?

ער וועט שרייבען וועגען דעם היינטיגען יונגען מענשען, וואס איז ניט גליקליך; וואס ער האט זיך נאך נישט געפונען קיין ארט אין לעבען, און ער איז אין דער אמת'ען איינזאם און קיינער פארשטייט אים ניט. וועגען זיך אליין וועט ער שרייבען. אלץ וואס עס האט זיך ביי אים אנגעקליבען אין די געדאנקען וועט ער אריינגעבען אין זיין בוך.

אין יענעם טאג איז שוין סאני ניט ארוים פון שטוב. ער איז געזעסען ביי זיין דעסק און פיבערדיג אנגע־ווארפען אויפ'ן פאפיר די ערשטע נאטיצען פון זיין ארבייט. ער האט דערווייל מיט קיינעם פון דעם ניט גערעדט, נאר אין די ווייטערדיגע טעג האט ער אלץ מער מיט דעם זיך אפגע־געבען. ער האט אנגעקויפט א סך ביכער צו זאמלען פון זיי מאטע־ריאלען. אלץ איז שוין געווען אנגע־צייכענט און אויסגעפלאנט פאר זיין קומענדיגען בוך. סאני איז אין יענע טעג געווען אין א געהויבענער שטי־מונג.

נאר עס איז אוועק א שטיקעל צייט און סאני איז מיט אמאל אינגאנצען אפגעקילט געווארען צום ענין. עס איז מיט אים געווען ווי מיט אלץ צו וואס ער האט זיך נאר גענומען: אין אנ־הויב איז ער שטארק באגייסטערט געווארען מיט עפעס; האט זיך צו דעם צוגעכאפט מיט היץ און ענער־גיע — ער איז געווען גוט אויף אויס־פלאנעווען זאכען — נאר אז עס איז געקומען צו אויספירען עס, האט אים אויסגעפעלט דער ווילען, די פעסט־קייט, און ער האט עס געלאזט פאלען.

אזוי איז איצט געווען מיט דעם פארלאנג זיינעם צו שרייבען א בוך. ער האט מיט אמאל פארלארען צו דעם זיין אינטערעס. יעדע שטערונג האט אים אריינגעבראכט אין כעס. ער איז דעמאלט געווען קאפריזנע אין דער־היים מיט זיין מאמען; פארשריבענע פאפירען — נאטיצען פון זיין בוך — האבען זיך געוואלגערט איבער זיין דעסק און אויף דער ערד, און אים האט עס גארניט געארט.

אין יענער צייט האט מען סאני'ן געקענט זעהן אין די שפעטע אווענטען ערגעץ אין א רעסטאראן ארום גריניטש ווילעדזש מיט א גרופע פריינט, בחורים און מיידלעך, זיצענדיג ביי א טישעל. זיין שטימונג איז געווען הפקר'דיג. ער האט גערויכערט א ליולקע און האט אויסגעקוקט סודות'־דיג. און אז ער האט וועגען עפעס גערעדט איז זיין טאן געווען דורכגע־נומען מיט איראניע און סארקאזם און ער האט אויף אלעמען געמאכט א שטארקען איינדרוק.

פונקט אין יענער צייט האט סאני עלינאר'ן באגעגנט צום ערשטען מאל ביי מארטא'ן אין הויז. סאני האט ליב געהאט די ערשטע באגעגעניש מיט א מיידעל, די ערשטע בליקען, ווי צו פארמעסטען זיך, ווי איינע די אנדערע אויסצופארשען. עלינאר האט דעמאלט פארהאלטען זיך צו סאני'ן קאלט, אפילו טראציג. און סאני האט ביי זיך א טראכט געטאן: „זי איז א פלעפערקע" און ער האט איר אוועק־געמאכט מיט דער האנט.

דאך איז זי אים ניט ארויס פון זינען: איר דינער, סענסיטיווער פנים, דער בליק פון אירע טונקעלע אויגען מיט א שאטען פון אומעט אין זיי. ער האט געזוכט ווי נענטער צו באקע־נען זיך מיט איר. עלינאר האט פאר־מאגט א סך לעבען אין זיך. זי האט געקענט זיין שפילעוודיג, זיין צו אים נאהענט, און אן אנדערש מאל אים אפשטויסען פון זיך. עס איז אים שווער געווען צו דערקענען, וואס פאר א סארט מיידעל זי איז. אפילו דער־מאלט, ווען זיי זיינען שוין געווען נאהענט און זיי האבען זיך געקושט, איז זי ניט געווען אינגאנצען זיינע. א סך מאל האט זי זיך פארהאלטען צו אים טראציג און ארויסרופענדיג. זי איז פאר אים אלעמאל געווען אן אנדערע — און דאס האט אים גערייצט.

סאני האט שוין אנדערע מיידלעך ליב געהאט, נאר קיינמאל ניט צו־ערנסט און צו־טיף און ער האט זיי אינגיכען געקענט פארגעסען. נאר עלינאר איז ניט געווען ווי די אנדערע מיידלעך. סאני איז מיט אן אמת אין איר פארליבט געווארען און זיין ציל איז איצט געווען צו דערנענטערען זיך צו איר, אז זי זאל אים אויך ליב האבען. ער האט דעמאלט געפילט זיך דערהויבען. אפילו דער געדאנק וועגען זיין בוך איז אין אים צוריק אויפגעלעבט געווארען. דאס וואס ביי אים איז ביז איצט געווען אנגעווארפען און ניט קלאר, האט איצט באקומען א נייעם פנים. עלינאר איז אינטע־ליגענט, זי האט א סך געלייענט; זי האט א טיפען פארשטאנד. זי, עלי־נאר, וועט זיין די הויפט־העלדין פון זיין בוך; זי וועט ווערען זיין אינ־ספיראציע. ער וועט פאר איר לייענען די ערשטע קאפיטלעך פון זיין ארבייט. ער האט שוין געזעהן פאר זיך דעם אויסדרוק פון עלינאר'ס פנים, ווי זי וועט ווערען באגייסטערט און זי וועט אים, סאני'ן, באוואונדערען.

אז סאני האט אין איינעם פון יענע טעג זיך אוועקגעזעצט ביי זיין דעסק אנצוהויבען ווידער שרייבען זיין בוך, איז אים די ארבייט ניט געגאנגען גוט. ער האט געהאט א סך שטע־רונגען: די פענסטער פון זיין צימער זיינען ארויסגעגאנגען צום גאס, אנט־קעגען א קליינעם פארק, איז דארט געווען צופיל רעש פון די קינדער, וואס האבען זיך דארט געשפילט. דאס האט אים געשטערט צו פארטיפען זיך אין זיין ארבייט. עפעס איז אים די גאנצע שטוב ניט געווען צו דער האנט. עס האט דא געפעלט אטמאספערע...

סאני'ן איז דעמאלט איינגעפאלען א נייער פלאן. ער האט געהאט א חבר, אן ארטיסט, א מאלער. טעדי איז געווען זיין נאמען. האט אט־דער טעדי געוואוינט אין אן אפארטמענט, וואס ער האט עס געמאכט פאר זיין סטודיא. דער חבר זיינער האט קיינ־מאל ניט געהאט מיט וואס צו באצאלען דירה־געלט פאר זיין פלאץ און סאני האט ניט איינמאל אים ארויס־געהאלפען. האט ער באשלאסען, אז ער וועט נוצען טעדי'ס סטודיא אויף שרייבען זיין בוך. דער פלאץ איז גענוג גרויס פאר זיי ביידען און טעדי וועט זיין מער ווי צופרידען פון דעם.

עס קאן זיין, אז סאני האט געהאט נאך א מיין דערביי. ער האט דא געהאט אין זינען עלינאר'ן. געוויס וועט זי וועלען קומען אהין, אין סטו־דיא, און דארט וועלען זיי זיך קענען טרעפען מער א נטים. אזוי צופרידען איז סאני געווען פון זיין נייעם איינ־פאל, אז ער איז געלאפען און דער־ציילט באלד זיין מאמען פון דעם; וועגען זיין פארנעמען זיך צו שרייבען א בוך האט ער דערציילט. וועגען האבען אן אפארטמענט אינאיינעם מיט זיין פריינט טעדי האט ער דער־ווייל פארשוויגען.

— אה, סאני, מיין זוהן! — איז אידא אנטציקט געווארען פון דער נייעס און זי האט ארומגענומען איר זוהן און אים געקושט. זי האט דאך אלעמאל אין אים געגלויבט, אז אין אים זיינען פאראן נאך־ניט־קיין־ארויסגעבראכטע כוחות...

— וועגען וואס וועסטו שרייבען אין דיין בוך? — האט זי געוואלט וויסען.

— דאס איז נאך דערווייל א סע־קרעט — האט איר סאני געזאגט.

(ווייטערס מארגען)

# דאָס שטיבעל בײַם וואַסער

פון משה אײזענבוך

(שלום פון פעידוש, 3 סעקשאן 2)

דער. אונטער'ן בלוזקעלע צאפעלט דאס הערצעל ווי א געפאנגען פייגעל...

זי פירט אים איבער די באקאנטע שטעגעלעך דורכ'ן וואלד. די גרינ־קייט פון וואלד איז דורכגעפלאכטע־ מיט גאלדענע זונען־שטראלען און שטילע טרעלען פון פייגעל.

פאר מיכל'ען איז דער וואלד א זעלטענהייט. ער ווייס ניט אויף וואס פריער צו קוקען. יעדע זאך איז פאר אים ניי. אט שפרינגט א ברוינער וועווערק פון איין בוים צום צווייטען. ער לויפט אפ אן א זייט, מורא הא־בענדיג אז דער וועווערקל זאל אים ניט פאלען אין קאפ. פערל שיסט ארויס א געלעכטער. א הילכיגער עכא ענטפערט איר אפ און צעשיט זיך ווייט, ווייט...

אז אלטע, אויסגעקרימטע בעריאָ'ס האט זיך געצויגען הארט ביי דער ערד, ווי דער וואלד וואלט א באנק געלאזט וואקסען און האט אונטען אויסגע־שפרייט א טעפיך פון סאמעטענעם מאך. אין פערל'ס שוים זיינען געלע־גען ווייסע בלומען מיט געלע הערצ־לעך. פערל רייסט זיי אײנציגווייז אפ די בלעטלעך און מורמלט: „לייביט, ניע ליוביט — ליוביט..."

מיכעל'ס מילדער בליק פאלט אויף אירע הענט. ער קוקט נייגעריג זיך צו ווי זי צופט די צארטע בלעטלעך און פון זייער צאל דארף באשטימט ווערען דער גורל: „ליוביט, ניע ליוביט..."

* * *

בלייענע וואלקנס האבען זיך פאר־צויגען אויף זוניגע יוני־הימלען און אנגעפילט די לופט מיט פחד פאר'ן וואקסענדען שטורם. ווי איש זיינען גרוי געווארען מענשליכע פנימ'ער און ווי צעשראקענע פויגעל האבען זיי זיך געטוליעט הולפלאז צו איינאנדער. שוואַרצע, שטאַלענע אדלערס האָ־בען געשפיגען מיט פייער און געזייט טויט. עס איז קריג.

— — — — — — — — — —

ווינטערדיגע פרימארגענס האבען איינגעהילט דאס שטיבעל מיט דיקע שניי־דעקען און מען האט עס ניט ארויסגעזעהן. אלע וועגען ארום זיי־נען פארשאטען און קיינער טרעט זיי ניט אוים. ניטא ווער עס זאל אפשא־רען דעם שניי פון דאך, פאנאנדער־בלאזען פייער און אויוען... די פייגע־לעך זיינען זיך צופלויגען, הערש־בער און פערל — פארטריבען...

ווידער האט דער פרילינג זיך צע־שמייכעלט ווי קיינמאל גארניט, פאר־וואנדעלט דעם שניי אין ריטשקעלעך די פעלדער באפוצט מיט גרינס, די פרעש האבען ווידער געצויגען זייער קווא־קווא אין אויר.

פארוואָרלאזט שטעהט דאס הייזעל. ווילדע בלומען שפראצען פון צווישען די באלקענס און פויערים קוקען מיט מיטלייד אויף די אויסגעקרימטע, מיט שוואמען באוואקסענע ווענט.

איינמאל האבען זיי באמערקט שא־טענס, וואס זיינען פלינק געשפרינ־גען, ווי גרינע היי־שפרינגערס, א שפרונג און פארשוואונדען אין הייזעל. פויערים האבען זיך פרום איבערגע־צלמ'ט, פארטרייבענדיג די ניט־גוטע. און מער ניט געקוקט צום שטיבעל.

ביינאכט, ווען טונקעלע וואלקענס האבען ווי שלייערס פארשטעלט די לבנה און דאס וואסער האט זיך צו־גייפגעשפינט מיט דער נאכט, האבען שאטענס זיך אראפגעגליטשט צום ברעג מיט געפעק און א שיפעל איז פארשוואונדען צווישען די וועלען.

הערש־בער האט געקענט זיין טייך, געוואוסט זיינע קאפריזען און רגילות. די קעסל־גריבער און אונטערוואסער שטראמען. ער האט דאס שיפעל גע־פירט זיכער, רודערענדיג מיט זיינע שטארקע הענט. פערל איז, ווי אמאל, אים אנטקעגענגעלאפען און געהאלפען אויסלאדען די מאסע. פון פישער זיי־נען זיי געווארען פארטיזאנער...

יעדערער האט געהאט זיין חשבון מיט'ן דייטש. פערל—פאר די צעשא־סענע חברים פון פאראיין, די פאר־ברענטע ביבליאָטעק. הערש־בער — פאר די אידען פון שטעטל, וואס זיינען אים איצט נאענט געווארען, פאר זיינע אפגעברענטע שכנים, פאר זיין פארוואָרלאזט שטיבעל...

די דייטשען האבען באזעצט דעם ברעג פון דער אנדער זייט, ארומגע־רינגעלט דעם וואלד. אין א טייטען רינג האבען זיי געוואלט דערשטיקען די פארטיזאנער. מען האט געמוזט אפטרעטען. הערש־בער האט געוואלט דעם לעצטען מאל א קוק טאן אויף זיין שטיבעל.

ער האט זיך אריינגעשארט צווישען די קוסטעס ביים ברעג און דערזעהן: דייטשע סאלדאטען זיצען אויף דער פריזבע. טרערען האבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען. ער איז אוועק צום קאמאנדיר. לאנג האט געדויערט זייער שמועס. ענדליך האט דער קאמאנדיר מסכים געווען. הערש־בער האט זיך פארשטעקט ביים ברעג. עס איז געווא־רען נאכט. א ווייסער נעפל איז גע־שטאנען איפ'ן וואסער. ער האט פאר־זיכטיג אראפגעלאזט דאס שיפעל. אין דעם מאמענט איז צוגעלאפען פערל:

„טאטע, כ'פאר מיט!" עס איז ניט געווען קיין צייט צו טראכטען. דאס שיפעל האט זיך פלינק געגליטשט איי־בער'ן וואסער. מיט שפאנונג האבען די פארטיזאנער געווארט אויף זייער צוריקקער. א שעה נאך א שעה איז פארלאפען.

עס איז געווען שטיל, ממש אנצוטאַ־פען די שטילקייט. פלוצים האט א פייער־זייל זיך אויפגעהויבען און א רייטער רעגענבויגען האט זיך צע־שפרייט אויפ'ן האריזאנט...

הערש־בער און פערל האבען זיך צוריקגעקערט.

— — — — — — — — — —

אינדערפרי האבען פארבייגעהענדי־גע פויערים מיט טארבעס אויף די פלייצעס געקוקט אויפ'ן הויפען אש, וואו דאס שטיבעל איז געשטאנען, ווי א סימבאל פון פרידען און איינגעזיצ־טענקייט אין דער געגענט. זיי האבען זיך געצלמ'ט, די פויערים. עס איז אים וועלט — קאלי ניעמא אוזשע איצקאווי כאטי!...












העלפט בויען 50,000 הייזער פאַר די היימלאָזע אידען אין ישראל

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראזע שושנה

(פארטזעצונג)

## ער דערזעהט דעם אמת

איזי האט דערהערט ווי זיין מאמע פרעגט אויף איר הענד־בעג, האט ער אויפגעציטערט און געענטפערט גיך, פלאנטערענדיג מיט דער צונג:

— ניין, מא, איך האב נישט געזעהן דיין בעג. ווי קום איך צו דיין הענד־בעג?

ער דריקט פעסטער צונויף דאס געלט אין האנט, אז מען זאל עס נישט ארויסזעהן.

— וואס האסטו זיך אזוי אויפגע־רעגט, זוהנעלע? — האט בעקי גע־פרענט גאנץ רואיג — העלף מיר בע־סער אויפזוכען מיין בעג, איך האב דאך שוין איינמאל א קאפ... איך דארף ארויסגיין אין „גראסערי". עס ווערט שפעט, מען וועט צומאכען.

איזי האט זיך דערשראקען צום טויט. ער וואלט איצט אלץ געטאן כדי צוריקצולייגען דעם 20 דאלאר שאין אין בעג, אבער ווי אזוי? די מאמע שטייט דאך דערביי.

ווען זיין מאמע האט זיך אויסגע־דרייט כדי צו זוכען אויף דעם „קאוטש", האט ער גיך דעם בעג אוועקגערוקט צום טשער לעבן ראדיא. אבער דאס געלט צוריק ארייצולייגען אין בעג האט ער נישט באוויזען, ווייל די מאמע האט זיך ווידער אויסגע־דרייט אין זיין זייט.

— אט איז דאך דער בעג! האסט שוין געזעהן אזא קאפ?! איך זוך און זוך און דער בעג ליגט גאר פאר די אויגען — האט זי געזאגט.

איזי איז ארויסגעלאפען פון צימער. און אין זיין ציטערדיגער האנט האט ער געהאלטען צונויפגעקוועטשט דעם באנקנאט. די פינגער האבען אים ממש געברענט ווי מיט פייער. אין קאפ האט געהאקט ווי מיט האמערס, און דאס הארץ האט געקלאפט ווי ביי א גזלן, אזוי ווי עס וואלט שרייען:

— גנב! גנב! ביזט א גנב! האסט באגנב'עט דיין אייגענער מא־מען!

ער האט געוואלט צוריקלויפען, מודה זיין זיך אין זיין פארברעכען, אבער ער האט זיך געשעמט. ער איז ארויסגעלאפען פון הויז, אום נישט צו זיין דערביי ווען די מאמע וועט עפע־נען דעם בייטעל.

ער האט געוואלט גיך פטור ווערען פון דעם געלט.

סילוויא וועט זיך פרייען ווען ער וועט איר זאגען, אז זי דארף מער נישט זיין קיין בעיבי סיטער, אז ער וועט איר געבען פון צייט צו צייט געלט אויף א קלייד.

ער איז גיך געגאנגען איבער די גא־סען דערנעענטערט זיך צו סילוויא'ס היים. עס איז דאך שוין אוועק עטליכע שעה. סילוויא וועט דאך נישט זיין א „בעיבי סיטער" א גאנצע נאכט. זי מוז דאך באלד אהיימקומען.

אז אומרואיגער און א נערוועזער האט ער זיך געדרייט לעבען סילוויא'ס הויז, ווען ער האט דערזעהן פון ווייטען, אז עס גייט א פרויען געשטאלט, האט ער גיך זיך דערנעענטערט צו דעם אריינגאנג, אבער ער איז בסדר געבליבען ענטוישט. דאס איז נישט געווען סילוויא. ער איז געווען מיד און אויפגערעגט.

ער האט געהאט די האנט מיט דעם גע'גנב'עטען געלט אין טאש. ער האט געוואלט וואס גיכער פטור ווערען פון דעם געלט. ער האט געטראכט וועגען דעם. צי זיין מאמע האט דאס מאל יא געוואוסט וויפיל געלט זי האט געהאט אין „הענדבעג". אויב יא, וואלט דאס געווען פאר איר א טויט קלאפ, ווייל זי וואלט דאך באלד געוואוסט ווער עס איז דער גנב פון געלט. קיין אנ־דערער איז דאך גראד אין שטוב נישט געווען און דעם „הענד בעג" האט זי דאך געפונען אויף דעם טשער לעבען ראדיא, וואו ער איז געזעסען.

ער וואלט זיך גיכער באגראבען איי־דער צו פארשאפען זיין מאמען אזא יוויטאג. א זוהן א גנב! אזא חרפה! אזא קלאפ פאר זיין מאמען, וועלכע פארגעטערט אים, וועלכער ער האט ליב ווי זיין גאנץ לעבען... מער ווי זיין לעבען... וועלכע ווייסט נישט מער ווי אירע קינדער. זי האט דאך קיין שום פרייד נישט אהוץ אט די קינדער־פרייד. שיינע פרייד האט זי... א זוהן א גנב... צום סוף וועט זי געוואויר ווערען, אז איר איזי, איר אויג און קאפ, איז א גנב...

ווען די ערד וואלט זיך איצט פאר אים געעפענט, וואלט ער געווען צו־פרידען באגראבען צו ווערען אונטער איר, איידער די שאנדע.

עס לויפען שעה'ען. ער איז מיד און צעבראכען. ער דערזעהט פון וויי־טען ווי סילוויא קומט, און זיין פרייד איז גרויס. ער לויפט איר אנטקעגען מיט אפענע ארעמס.

סילוויא בלייבט שטיין אביסעל דער־שראקען און ערשטוינט. פון וואנען נעמט ער זיך איצט דא ביי איר היים? זי האט דאך אים געזאגט, אז זי וועט נעכטיגען ביי איר'ס א חבר'טע. אבער זי פיהלט זיין אומארמונג. זי זעהט זיין לאכעדיג פנים און זי הערט זיינע ווערטער:

— סילוויא, טייערע, ליבע מיינע, איינציגע, איך ווייס וואו דו ביזט גע־ווען. איך ווייס!

סילוויא ווערט בלאס. אבער איזי איז אזוי גליקליך.

— מער, מיין טייערע, ווערסטו נישט דארפען גיין...

סילוויא פאלט אויף זיין אקסעל. זי צעוויינט זיך. זי ווייסט שוין, אז ער ווייסט אלץ... נישטא קיין פארענט־פערונג. זי קאן שוין גארנישט רייי־דען... אבער זי פיהלט אלץ כסדר ווי ער קושט איר האלז, ווי ער טוליעט זיך צו איר.

זי קאן עס נישט פארשטיין. פאר־וואס מאכט ער איר נישט קיין פאר־וואורף, נאר פארקערט, ער קושט זי?

ביז איצט האט זי באהאלטען דאס מויל. זי האט אים געקושט אין קאפ און האלז, אבער איצט עסט זי זיך איין אין זיינע זאפטיגע ליפען. אט די גאנצע אפקומעניש, וואס זי האט מיטגעמאכט מיט דזשאנ'ען, אט דעם גאנצען פיין און עקעל, וואס זי האט געפיהלט ביי יענעם, ווערט דא פאר־וואנדעלט אין באגער און ליבע. זי קושט אים היים, שטארק...

איזי דערפיהלט דעם אלקאהאל וואס פיהלט זיך פון איר מויל. די זאפטיגע ליפען אירע קאנען נישט פארטושען דעם ריח פון וויסקי, וואס שלאגט זיך פון איר.

עס ווערט אים פינסטער אין די אוי־גען. ער פיהלט, אז די פיס ברעכען זיך אונטער אים. ער גיט א געשריי.

— סילוויא! וואו ביזטו געווען? סילוויא, האסט געטרונקען?!

סילוויא פארשטייט נישט וואס דא קומט פאר, פארוואס ער האט דאך צוערשט זיך אזוי געפרייט און גע־זאגט, אז ער ווייסט וואו זי איז גע־ווען, און צום סוף? דער איבערבייט אין אים... וואס איז דא געשען?

זי האט זיך דערשראקען פאר זיין אויסזעהן.

— איזי, געדענק אין גאט. מיר זיי־נען דאך אויפ'ן גאס. מענשען שלא־פען. מאך נישט קיין סקאנדאלען — האט זיך סילוויא ביי אים געבעטען.

— וואס גייט מיך אן מענשען! וואו ביזטו געווען? — הערט זי זיין געשריי — וואו ביזטו געווען?!

— איך בין געווען מיט סוזי'ן. דו קענסט דאך מיין חבר'טע סוזי. זי האט א „באי־פרענד". זי האט נישט געוואלט אליין ארויסגיין מיט אים, בין איך מיטגעגאנגען מיט זיי. דאס האב איך איר געטאן א טובה. ער איז א רייכער. ער האט אונז גענומען אין א רעסטאראן, האבען מיר אפשר אביסעל צופיל אויסגעטרונקען. אלץ צוליב סוזי'ן. איר מאמע האט זי נישט גע לאזט גיין אליין. האב איך געמוזט זאגען, אז זי גייט מיט מיר. מען מוז אמאל ארויסהעלפען א חבר'טע... אבער ווען דו ווילסט נישט, וועל איך עס מער נישט טאן. איך שווער דיר, אז איך וועל עס מער נישט טאן, ווייל איך האב נאר דיך ליב, דיך איינעם, איזי טייערער, נאר דיך!!

איזי איז אנטלאפען אזוי ווי גע־יאגט. ווען ער האט אריינגעשטעקט די האנט אין קעשענע און דערפיהלט דעם 20 דאלאר באנקנאט, האט עס אים געשריגען אין מוח: „גנב! גנב! דו האסט עס איר געוואלט גע־בען, אז זי זאל נישט דארפען זיין קיין „בעיבי סיטער". נאר איינער! אי־דיאט! ער האט זיך געשעמט פאר זיך אליין.

ער האט גיך ארויסגעכאפט דאס געלט און צעריסען אויף פיצלעך. דאן ערשט האט ער זיך אביסעל בארואיגט און איז אהיימגעגאנגען מיט גיכע טריט.

(ווייטערס מארגען)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

די ערשטע זאך וואס אידא'ן איז איינגעפאלען איז געווען איבערצוגע־בען איר מאן וועגען דעם. שוין לאנג, אז זי האט ניט געהאט קיין גוטע נייעס פאר אים צו דערציילען וועגען זייער זוהן. סאל רובינאוו האט גע־נוג הארצווייטאג געהאט דורך דעם, וואס סאני האט אינמיטען־דערינען איבערגעריסען דאס לערנען אין קא־לעדזש. אידא האט געפרואווט פאר איר מאן פארשטעלען סאני'ס הפקר'־דיגע גיינג די לעצטע צייט און זי האט דערציילט פאר אים נאר דאס גוטע... נאר ביי סאל רובינאוו'ן איז דאס הארץ געווען שווער. אבער אין יענעם אווענט האט אידא באגעגענט איר מאן מיט א שיינענדיגען פנים, און באלד ווי זיי האבען זיך געזעצט עסען, האט זי ארויסגעפלאצט מיט דער נייעס:

— הערסטאך, ער האט גאר אנגע־הויבען שרייבען א בוך, אונזער סאני...

— אה, אזוי? — האט סאל רו־בינאוו זיך אפגערופען, אי צופרידען און אי פארוואונדערט. ער האט אין זיין זוהן א טעות געהאט. ער האט געמיינט ווער־ווייס־וואס... אידא איז געווען גערעכט. זי האט אלעמאל אין סאני'ן געגלויבט. דעם אמת געזאגט, וואס ווייס ער, סאל רובינאוו, וועגען זיין זוהן? וויפיל מאל האט ער זיך מיט אים געקענט צענויפריידען, אז ער זאל פון אים עפעס דערגיין?

אידא האט אין יענעם אווענט זיך ניט אויפגעהערט צו פרייען זיך מיט די גוטע נייעס וועגען זייער זוהן, און סאל רובינאוו האט אליין ניט גע־וואוסט, צי ער זאל זיך פון דעם פרייען אדער ניט...

### קאפיטעל צוויי־און־פערציג

סאני האט אויסגעפירט ביי זיין טאטע־מאמע. זיי האבען אים גע־געבען גענוג געלט, אז ער זאל קענען אויפהאלטען די דירה אינאיינעם מיט זיין חבר טעדי בוירגער. איצט האט ער דארט געקענט זיצען אין רוהיג־קייט און זיך אפגעבען מיט דער אר־בייט, וואס ער האט פארטראכט — אנהויבען שרייבען א בוך.

זיין חבר טעדי בוירגער איז געווען ניט קיין אנערקענטער טאלאנט. סאני האט עלינאר'ן שוין א סך מאל פון אים דערציילט. זעלטען־ווען ער האט פארקויפט זיינס א בילד. ער האט געלעבט זעהר ארים און זעהר אפט האט ער ניט געוואוסט וואו ער וועט מארגען נעמען געלט אויף אפצועסען א מאלצייט.

צו דער געלעגענהייט פון אריינ־קלייבען זיך וואוינען צוזאמען מיט טעדי'ן האט סאני געפלאנט צו מאכען א גרויסע פארטי פאר זיינע און טע־די'ס פריינט, בחורים און מיידלעך.

— דו מוזט קומען צו מיין פארטי — האט סאני איר געזאגט.

עלינאר איז געווען שטארק נייגע־ריג צו זעהן די סטודיא, צו זעהן די מענשען. זי האט נאר ניט גע־קענט באשליסען צי זי זאל אהין קומען אליין, אהן א באגלייטער. עס איז איר איינגעפאלען צו בעטען איר פריינט, אייב גארדאנ'ען, ער זאל מיט איר גיין. אייב איז גאר דעמאלט געווען אנגע'ברוגז'ט אויף עלינאר'ן. נאר אפזאגען איר אין עפעס האט ער קיינמאל ניט געקענט. זי האט אים אויפגעזוכט, דערציילט אים פון דער פארטי און זיך ביי אים געבעטען:

— אייב, דו מוזט מיט מיר גיין. איך וועל ניט קומען אהין איינע אליין, ווייסטאך...

— צו א פארטי ביי סאני'ן? — ס'האט אייבי'ן אויסגעקוקט ווילד. דאך האט ער ניט געוואלט לאזען איר גיין אהין אליין. ער האט נאר אלץ געפיהלט אויף זיך א חוב צו זיין איר אפהיטער און ער איז נאך אין הארצען געווען צופרידען, וואס עלי־נאר פארטרויט זיך אויף אים, און זי וויל ער זאל זיין איר באגלייטער.

צו דער סטודיא האט מען געדארפט פארען דאון־טאון, אויף דער 12טער גאס. אז עלינאר און אייב זיינען אנגעקומען אהין האבען זיי עס קוים געפונען. מ'האט געדארפט אראפגיין נידעריגער אויף עטליכע טרעפלעך. די פארטי איז שוין דארט געווען אין פולען גאנג. א סך יונגע מענשען זיינען דא געווען פארזאמעלט, בחורים און מיידלעך. מיידלעך מער ווי בחורים. זיי האבען געשמועסט, גע־לאכט, געדרייכערט פאפיראסען. זיי זיינען געווען צוזעצט אין אלערליי פאזעס, ווער אויף א סאפקעלע צו עטליכע אינאיינעם, ווער רייטענדיג אויף א שטול, און ווער נידעריג אויף דער ערד איבער דעם געבלומטען טע־פיך. עס איז געווען די שטימונג פון זארגלאזיגקייט און גוטען געמיט ביי אלעמען. די האלב־טונקעלע באלייכ־טונג האט צוגעגעבען „אטמאספערע". עלינאר'ן האט דא אלץ אויסגעזעהן ניט־געוויינליך, פאנטאסטיש.

זי האט באלד דערזען סאני'ן. ער איז געשטאנען אינמיטען צימער צווי־שען א גרופע יונגווארג און זיי האבען פון עפעס פרייליך געשמועסט און גע־לאכט. סאני איז צו איר צו האסטיג צוגעלאפען, ווי ער וואלט נאר אויף איר געווארט:

— עלינאר, ענדליך ביזטו דא! — האט ער איר אנגענומען פאר דער האנט. צו איר באגלייטער, אייבי'ן, האט ער נאר א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ. סאני האט דא, אין סטודיא, אויסגעזעהן נאך צוציהענדיגער. מיט זיין ברוינהויטיגען פנים, די שווארצע האר צעפאטעלט איבער'ן שטערן און ווי אומישנע, מיט זיינע האלב־פארמאכ־טע אויגען — האט ער אויף איר גע־קוקט. און ווי אלעמאל האט עס אויף איר געווירקט כישוף'דיג, ניט אפצורייסען איר בליק פון זיינעם. אביסעל א פארטומעלטע האט זי זיך ארומגעקוקט ארום.

זי האט געפיהלט אלעמענ'ס נייגע־ריגע בליקען אויף זיך, באזונדערס פון די מיידלעך. עלינאר, פון איר זייט, האט געכאפט א גיכען קוק אויף זייער פארשיידענארטיגען אנטאן: ווער עס איז געווען צופיל אויסגעפוצט און שטארק באשמינקט, און ווער עס איז געגאנגען אנגעטאן אין א סוועטערעל, מיט „סלעקס" (לאנגע הויזען) און א קאלירטען שאליקעל ארום האלז. עלי־נאר אליין איז היינט געגאנגען אנגע־טאן אין א דינער, שווארצער קלייד, וואס האט נאך בולט'ער געמאכט די מאטע ווייסקייט פון איר פנים. דער איינציגער קאליר איז געווען אירע פולע רויטע ליפען.

אייב האט דא אויף אלעמען געקוקט ווי אויף בייז־וואונדער. ער האט זיך אוועקגעזעצט ווייט אין א ווינקעל, אז ער זאל זיך וואס־וויינינגער אנזען. זיין הארץ איז אים געווען שווער. ער האט געוואוסט, אז דאס וועט זיין פאר אים אן אווענט פון פארדרוסען און ערגערניש. ער איז אויף דעם געווען גרייט. פארפאלען...

סאני האט מיט איין האנט ארום עלינאר'ס טאליע ארומגעפירט איר איבער'ן גרויסען צימער, וואס זיי האבען גערופען „סטודיא". א ווענטעל האט פארשטעלט די בעטען פאר סאני'ן און טעדי'ן צו שלאפען. א פאר־האנג האט פארשטעלט די „קיך" מיט א פאליצע פאר א פאר טעפלעך און טעלער און גלעזער. אומעטום איבער דער סטודיא זיינען געווען צעשטעלט טעדי'ס מאלעריען, לייווענטען אין ראמען. זיי האבען זיך אפגעשטעלט ביים מאל־ברעט, וואו עס איז געווען פארצויגען א לייוונט מיט אן אנגע־הויבענעם בילד.

— דא איז אלץ אזוי וואונדערליך־שיין ביי אייך! — איז עלינאר געווען אנטציקט.

— דא וואו איך געפין זיך, מוז זיין שיין — האט איר סאני אויף דעם געענטפערט מיט זיין געוויינליכען טאן פון ריידען אין האלב־שפאס און האלב־ערנסט.

ער האט איר צוגעפירט צו זיין חבר טעדי'ן, זיי זאלען זיך באקענען.

(ווייטערס מארגען)

# די טאכטער פון א פויגעל

א דעטעקטיוו ראמאן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אראבער • געשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס" פון שלמה בן־ישראל (נאכדרוק פארבאטען)

(פארטזעצונג)

— זעהסטו, מיר איז עס גארניט איינגעפאלען! — האט סענדער אויס־גערופען.

— מעגסט זיך טאקע שעמען — האט ירמיהו געזאגט — שטעל דיר פאר, מען כאפט דיר און מען פאר־דעכטיגט דיר. דו גייסט טאקע אנגע־טאן פארשטעלט ווי אן אראבער, אבער איין קוק אויף דיין קערפער קען דיר קאסטען דיין לעבען איינס־צוויי־דריי...

— ביזט גערעכט, ביזט גערעכט!

— האט סענדער צוגעשטימט.

— מיר וועלען אויך מוזען אויסאר־בייטען אלע אנדערע איינצלהייטען פון אונזער אונטערנעמונג — האט ירמיהו געזאגט — מיר האבען ניט צו־פיל צייט. זיבען טעג איז ווי א שעה.

— וואס נאך קענען מיר אויסארביי־טען איידער מיר קומען אן אויפ'ן ארט? — האט סענדער געפרעגט.

— א, זעהר פיל — האט ירמיהו געענטפערט. — מיר וועלען מוזען זיך אויסלערנען אויף אויסוויניג אלע תפילות פון א מאכמעדאנער, זיך בא־קענען גענוי מיט דער געאגראפיע פון איראק, אויסארבייטען א גענויעם מארשרוט פאר יעדען איינעם פון אונז, און אזוי ווייטער. פארגעס ניט, אז אין א וואך ארום צעטיילען מיר זיך. יעדער איינער פון אונז וועט זיך פאר־נעמען מיט אן אנדער וועג. מיר ווע־לען זיך טרעפען אין באגדאד אין אפ־גערעדטען ארט, אבער ביז מיר קומען אהין איז יעדער פון אונז פאר זיך. לאמיר נאר האפען, אז מיר וועלען אלע דריי אנקומען אהין בשלום...

## די מיידעל פון ביאליסטאק און די געהיימניספולע פנינה

ירמיהו און סענדער האבען שטענדיג געוואוינט אין גרויסען הויז אויף דער אחד העם גאס, ווערענד סעדיה, וועל־כער איז געווען פארהייראט, האט גע־לעבט מיט זיין פרוי עכסה, זיין זונדעל און זיין שוויגער אין אן אייגענער הייזקע אין כרם התימנים (תימנ'ער קווארטאל) פון תל־אביב.

די באלעבאטישקייט פון הויז אויף דער אחד העם גאס האט אנגעפירט רחל, א יונגע ווייבעל, וועלכע האט חתונה געהאט מיט א האלב יאר איי־דער די געשעהענישען וועגען וועלכע עס ווערט דא דערציילט האבען פאר־סירט. רחל האט געארבייט פאר די דעטעקטיווס כמעט א צענדליג יאר און זי האט זיך געפיהלט אין הויז ווי „איינע פון דער פאמיליע". זי איז געווען די גאנצע באלעבאסטע, פלעגט איינקויפען, רוימען, קאכען און צומאל בלייבען אין הויז איבערנאכט, ווען די דעטעקטיווס פלעגען מוזען זיין אב־וועזענד. זי האט געקענט אלע זייערע פריינט, געוואוסט פון אלע „הארצ־ווייטאגען" וואס סענדער פלעגט לייי־דען צוליב זיינע „מיידלאך", פלעגט ענטפערען דעם טעלעפאן ווען די דע־טעקטיווס זיינען ניט געווען אין הויז און האט אלעמאל געוואוסט וואס צו ענטפערען דעם אדער יענעם, וועמען אפצווזידלען, אויב מען האט עס באדארפט, און צו וועמען זיין פריינדליך. געוויינליך פלעגט רחל קומען צו דער ארבייט יעדען טאג ארום זיבען אין דער פרי און פלעגט וועקיין ארום פיר נאכמיטאג. זי האט געאר־בייט זעקס טעג א וואך, האט באקו־מען גוט באצאלט, ווי אויך דריי וואי־כען „חופש" („וואקעישאן") דורכ'ן יאר.

ביי איר חתונה זיינען די דעטעק־טיווס און „גבור" געווען די הויפט מחותנים. די יונגען האבען איר גע־שאנקען אלס חתונה־מתנה מעבל פאר צוויי צימערען מיט א קיך און האבען פארלאנגט, אז זי זאל נעמען „חופש" פאר גאנצע פיר וואכען, מיט געצאלט, פארשטייט זיך. עס איז זעלבסט פאר־שטענדליך, אז רחל איז געווען שטארק גערירט פון דעם און איז זיי געווען זעהר דאנקבאר פאר זייער גוטסקייט צו איר.

ווי גרויס איז אבער געווען איר פאר־וואונדערונג ווען אין א שיינעם פרי־מארגען, קומענדיג צו דער ארבייט, האט ירמיהו זי אריינגערופען אין עס־צימער און האט געזאגט צו איר:

— רחל, מיר ווילען אז דו זאלסט נעמען א וואך „וואקעישאן", אנהויבענדיג פון היינט.

דאס איז געשען יענעם פרימארגען נאך דער שלאפלאזער נאכט און דעם געשפרעך מיט ניסים גאון אין גע־היימניספולען קעלער. רחל האט פאר־שטייט זיך, אבסאלוט גארניט גע־וואוסט פון דעם אלעמען.

די יונגע פרוי איז געבליבען שטיין אז איבערראשטע און האט אנגעקוקט ירמיהו'ן מיט ברייט־צעעפענטע אוי־גען.

— וואקעישאן? איך האב דאך ערשט מיט א האלב יאר צוריק...

— ...וואס ארט עס דיר, נארעלע?

— האט ירמיהו געשמייכעלט, אנקו־קענדיג זי מיט גוטמוטיגע אויגען — דו וועסט באקומען דיין געהאלט און וועסט האבען א „גוד טאים"... אין א וואך ארום וועסטו צוריקקומען צו דער ארבייט...

רחל האט גארניט געזאגט. זי האט צו־לאנג געארבייט פאר די מענשען און האט זיי זעהר גוט געקענט. זי האט געוואוסט, אז עס איז גלייכער ניט צו שטעלען קיין פראגען. זי פלעגט קיינמאל ניט פרעגען קיין פרא־גען און האט זיך שטענדיג באמיט צו וויסען וואס וויינינגער פון די „ביזנעס" וואס די יונגען האבען געהאט.

— אז דו זאגסט, מסתמא דארף אזוי זיין! — האט רחל ענדליך אויס־גערופען. — איך וויל אבער ניט נע־מען באצאלט פאר דער וואך. איר זענט געווען אזוי גוט צו מיר און...

— ...הער־אויף מיט די באבסקע טענות! — האט ירמיהו א מאך גע־טאן מיט דער האנט. — דו קריגסט א באצאלטע וואקעישאן און הער זיך אויף צו ספארען.

(פארטזעצונג מארגען)

# אויף די גאסען פון דער איסט סאיד

(שלום פון עדיטאריעל פעדיוש)

הייליגע פון האלץ אויסגעשניצט. אבער דאס איז ניט וויכטיג. שפאצירט אויפ'ן יאר־מארק און איר וועט דער־פיהלען א מארנעם ריח, איר וועט זעהן ווי מען פרעגלט רייפטלעך פון ציבעלע אויף הייסע בלעכען, אז דער ריח דער־גייט ביז סיטי האל. געלע בעבלעך געקאכטע, גרויסע קעסלען מיט הייסע ספאגעטי צוגעפראוועט מיט אלע מינים סאוסען. איר וועט הערען דאס געזאנג, די קולות, דעם געלעכטער —

און איר מעגט זיין זיכער, אז דאס איז א ריכטיגער שאטען פון א סיציליאנער דארף. איר מוזט ניט מאכען א רייזע קיין איטאליע.

ווילט איר פארבלייבען א פאר שעה אין בינע? ניט אין דער קאמוניס־טישער און ניט אין דער נאציאנאליס־טישער, נאר סתם אין א כינעזישער שטאט. איר דארפט ניט אריבערפא־רען דעם פאסיפיק. אין א פאר שעה קענט איר אריבערפארען פון שניפע־שאק אין פאלערמא, פון פאלערמא אין פעקין, פון פעקין צוריק אין גריכענ־לאנד. בלויז א פאר בלאקס — און איר וועט זעהן א גרויסען אויפשריפט אויף גריכיש:

„קאפעאן אקראפאלים!"

„קאפעאן אטהענא!"

און ווען איר פארשטייט ניי־גריכיש, קענט איר אין אזא „קאפעאן" זיך פיהלען ווי אין א שיינק אין אטהען. דאס זיינען פארבען, כאראקטערס, וואס לאזען זיך באשרייבען; בעטען זיך מ'זאל זיי מאלען. יא, מאנכע דעקאראטארס פון די גרויסע לוקסוס־מאגאזינען אויף דער פינפטער עוועניו קומען אהער זוכען „אינספירעישאן".

אפילו די לייודיגע לאטס צווישען די הייזער האבען זייער פאעזיע. ווען דו גייסט אזוי פארביי די מאנאטאנע רייען „סלאמס", און פלוצלינג דער־זעהסטו צווישען זיי א ליידיגען פלאץ פון א צעוואָרפען הויז, דאן מאכט דאס דעם איינדרוק פון א רייע ציין, וואו עס איז ארויסגעריסען געווארען א צאן. אבער אין איטאליענישען קווארטאל זעהען אויס מאנכע ליידיגע פלע־צער גאר אנדערש.

די איטאליענער זיינען געבוירענע גערטנער און האבען א גרויסע ליבע פאר גערטנעריי. און פלוצלונג גייסטו פארביי אזא לאט און דו גלויבסט ניט דיינע אויגען: אנשטאט דעם געוויינ־ליכען בילד פון א פלאץ, פארווארפען מיט ליידיגע קענס, גומענע רעדער, צו־בראכענע פלעשער, זעהסטו א שיין גערטענדעל מיט בלומען און א פאר יונגע בוימער, און אינמיטען א מין פאנטאן, אויפגעשטעלט פון ציגעל און שטיינער, מיט אזוי פיל חן, ווי א גער־טענדעל ערגעץ אריבערגעטראגען פון אן אלטען איטאליענישען שטעטעל.

ניט ווייט וואו איך וואוין, ליגט אזא לאט, און אין שכנות מיט דעם לאט האט אן אלטער איטאליענער א קרע־מעל פון גרינס און פרוכט.

איינמאל פרעג איך אים, צי ער בא־ארבייט דעם לאט.

— ניין — זאגט ער — איך בין צו־אלט. אבער אויב דו ווילסט זעהן עפעס נאר א שיינע זאך, קום, וועל איך דיר ווייזען.

און ער האט מיך געפירט דורך אן אלטען פינסטערען קארידאר און צו־געפירט צו א קליין פענסטערל מיט אייזערנע גראטעס און האט מיר גע־הייסען ארויסקוקען.

און דער איטאליענער איז געווען גערעכט. צווישען די ווענט פון די „סלאמס" האב איך דערזעהן א וואונ־דער־שיין גערטענדעל מיט רויזען־שטרויכען, הדסים, קריכענדיגען וויל־דען ווייך, וואס האט פארדעקט מיט גרין די אלטע ווענט פון די סלאמס.

דאס גערטענדעל איז געווען געבויט אין טעראסען: איין בעיט העכער פון דער צווייטער, אונטערגעבויט מיט אלטע שטיינער, און צווישען די בלו־מען־בעיטלעך צעבראכענע סטאטועס. וואו דער באלעבאס פון דעם גערטענ־דעל האט זיי אויסגעזוכט—ווייס איך ניט. א קליינער פאנטאן האט גע־שפריצט אינמיטען. אזא קונסטווערק פון גערטנעריי האב איך זעלטען ווען געזעהן.

— דאס איז דיין ארבייט? — האב איך אויסגערופען צום אלטען איטא־ליענער.

— א, ניין — האט ער געענטפערט — דאס האט געמאכט דער לענדלארד פון די „סלאמס".

— מסתמא א קאפיע פון א גארטען ערגעץ אין סיציליע?

— מעגליך — זאגט ער — און דאס קאסט אים א סך געלט אויסצוהאלטען. ער לייגט דארט אריין זיין גאנצען לעבען.

א לאנגע צייט האבען מיר ביידע באוואונדערט דאס קליינע קונסט־ווערק, באהאלטען צווישען די סלאמס אויף דער לאוער איסט סאיד. און דאס איז ניט דער איינציגער סורפראיז וואס מ'קען האבען אין דעם דאזיגען בארעדטען קווארטאל.

אבער דאס איז נאך ניט אלץ. דער קווארטאל האט נאך אנדערע גרויסע מעלות. וועגען דעם — ביי א צווייטער געלעגנהייט.

# פעלישא לאמפארט'ס שטרענגע מאמע און מילדער טאטע

(שלום פון עדיטאריעל פעדיוש)

„רייזן" ... [illegible]

... ראנען, אדער נעגאנגען צוגאסט, האבען זיי די דינים פון כשרות ניט אפ־געהיט.) וואס שייך די צוויי טעכ־טערלעך, ספעציעל די ערשטע פינף־זעקס יאר פון זייער לעבען, האט מען זיי געקארמעט מיט „בעיקאן סענדוויטשעס" און נאך אזעלכע טריפ'ענע מאכלים. מרס. לאמפארט האט גע־האט אן אויסרייד: „דער קינדער־דאקטאר האלט ניט פון קיין כשרות!" מרס. לאמפארט'ס מאמע — די בא־וואוסטע מרס. בערטא דווארסקי, גרינדערין און פרעזידענטין פון דער „האום און דהי דאטערס און דזשעי־קאב" — האט, נאטירליך, געפירט א כשר'ע קיך. ביי נ ע י ט ע ן לאמ־פארט'ן אין שטוב האט מען, פאר־שטייט זיך, אפגעהיט אלע תרי"ג מצוות — און דער עלטערער זוהן, סעם לאמפארט, האט גרויס אפשיי געהאט פאר זיין טאטען. מרס. לאמ־פארט'ס אכט שוועסטער און ברידער, כאטש זיי זיינען ערצויגען געווארען אין א „כשר'ער" שטוב, האבען אוועק־געווארפען כשרות אזוי שנעל ווי זיי האבען חתונה געהאט. מרס. לאמ־פארט'ן האט עס שטארק פארדראסען. ס'איז א גרויסע עבירה, פלעגט זי שטענדיג זאגען, צו עסען א סטעיק מיט מילכיגע גאפעל־מעסער. קיין איסטערס, לאבסטערס, קלעמס אדער שרימפס האט מען אין לאמפארט'ס הויז קיינמאל, נאטירליך, ניט סער־ווירט. אבער סיי סעם לאמפארט, סיי מיריאם לאמפארט האבען האלד געהאט „סי־פוד" ווי דעם לעבען. טא וואס־זשע האבען זיי געטאן? איין מאל א וואך — מאנכעס מאל צוויי מאל — פלעגען זיי אלע עסען א „סי־פוד דינער" אין א רעסטאראן.

מרס. בערטא דווארסקי — מיריאם לאמפארט'ס מאמע — האט פאר־וואוינט א גרויסע פינף־שטאקיגע הויז, שוין נאכדעם ווי אלע אירע 9 קינדער האבען חתונה געהאט. מיט א פערטעל יארהונדערט שפעטער איז די באטרע־פענדע הויז באנוצט געווארען אין דער מאוווי „דהי האוז אן נאינטי־סעקאנד סטריט" — און דאס טשיקאווסטע איז, וואס די באטרעפענדע הויז איז גאר געשטאנען אויף דער ד ר י י־און־ניינציגסטער סטריט. די דווארסקיס האבען געהאט פארקויפט די דאזיגע הויז לאנג איידער די מאוווי איז געמאכט געווארען. פונדעסטוועגען זיינען זיי געווען אין כעס אויף דער מאוווי קאמפאני. די מאוווי — האבען די דווארסקים גע'טענה'ט — האט זיך געדארפט רופען: „דהי האוז אן נאינטי־טהוירד סטריט". אזוי לאנג ווי מרס. בערטא דווארסקי האט געלעבט — וועגען איר מאן, אייב־ראהעם דווארסקי, ווערט גארניט דער־ציילט אינ'ם בוך — פלעגען אלע אירע 9 אויסגעגעבענע קינדער, מיט זייערע אייגענע קינדער, קומען צו איר צוגאסט איינמאל א וואך, און געוויינ־

ליך איז דאס געווען פרייטאג־צו־נאכט. פאר יעדען קינד — ווי אויך פאר אירע איידימס און אירע שנירר — האט מרס. בערטא דווארסקי געהאט אנגעגרייט א ספעציעלען מאכל, א ליבלינג מאכל. דעם גאנצען פרייטאג־דיגען טאג פלעגט זי שטיין ביים אוי־ווען און קאכען, פרעגלען, באקען — און האט ניט צוגעלאזט דער קריסט־ליכער קעכין צום אויוווען. דער פרייי־טאג־צו־נאכטיגער מאלצייט האט גע־דארפט האבען א „אידישען טעם", און מרס. דווארסקי האט ניט געטרויט אירע קעכינס. מיריאם לאמפארט איז ניט געווען די עלטסטע טאכטער — אבער אלע אין דער משפחה האבען אנערקענט איר „אויטאריטעט". זי איז געווען די דעה־זאגערקע, די טאן־גע־בערקע, די „גבאי'טע". סעם לאמ־פארט איז געווען מרס. דווארסקי'ס ליבלינג איידים — זי האט שטאלצירט וואס נ ע י ט ע ן לאמפארט'ס א זוהן איז אירער אן איידים. סעם לאמפארט פלעגט זיין שוויגער גוטמוטיג קיבע־צען — זי האט תמיד „הנאה געהאט פון זיינע „רזשאוקס". קיינער פון די אנדערע איידימס האט אבער ניט גע־טארט אריינקיבעצען דער שוויגער — זי וואלט זיך גלייך אנגע'ברוגז'ט אויף אים.

מרס. בערטא דווארסקי'ס זיהן זיי־נען געווען גראטען אין זייער ט א ט ע ן — שטילע, מילדע מאנספאר־שוינען, טאלעראנטע, וואס זיינען גע־ווען צופרידען אז מ'לאזט זיי צורוה. דערפאר זיינען מרס. בערטא דוואר־סקי'ס אלע טעכטער געווען געראטען אין זייער מ א מ ע ן — בריה'טעס, קאזאצקע אידענעס, ענערגישע, דינא־מישע, אמביציעזע; די גרעסטע בריה'טע פון אלע טעכטער איז געווען — מיסעס מיריאם לאמפארט.

נעקסטער ארטיקעל — מיטוואך.

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראמאן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אראבער • געשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס" פון שלמה בן־ישראל (נאכדרוק פארבאטען)

(פארטזעצונג)

רחל האט איינגעזעהן, אז ס'איז בעסער ניט צו רעדן מער דערפון. זי האט הארציג באדאנקט ירמיהו'ן און האט פארלאזען די הויז. זי האט באשלאסען אויסצונוצען די וואך צייט און זיך אויפנייען צוויי קליידלעך. איר ערשטער איכפולס איז געווען זיך צו לאזען גיין צום פארט וואו איר מאן האט געארבייט אלס אנגעשטעלטער און אים אנזאגען די גוטע נייעס. באלד האט זי זיך אבער איבערלייגט עס ניט צו טאן. זי וועט עס אים ניט אויסזאגען אצינד. זי וועט עס אים דערציילען אין אווענט און אים הייסען ער זאל עס ניט איבעררייידען. פון פיל־יעריגער פראקטיק האט זי געוואוסט, אז עס איז געזונטער ניט צו דערציילען וועגען דעם וואס עס קומט פאר אין הויז נומער דרייסיג אויף דער אחד־העם גאס... ניט אומזיסט האבען די דעטעקטיווס געהאט אזא טיפען צוטרוי צו איר.

ארויספראווענדיג רחל'ען פון הויז האבען די דריי יונגען זיך גענומען סיסטעמאטיש דורכפירען זייער פלאן. האלב נאך נייז האט שוין דער זונלאמפ געברענט אין גרויסען שלאף־צימער. סעדיה איז שוין צוריקגעקומען פון א באזוך אין כרם־התימנים ביי דער משפחה און עס האט געהייסען, אז ער איז אוועק צוריק צו זיין טאג־טעגליכער ארבייט. די טיר פון הויז איז געווארען צוגעשלאסען, די רולעטען איבער די פענסטער פון שלאפצימער זיינען געווארען אראפגעצויגען און די דריי יונגען, נאקעט ווי די מאמע האט זיי געהאט, האבען זיך גענומען בראטען אין די שטראלען פון דער קינסטליכער זון.

זיי האבען זיך געהיט ניט פארברענט צו ווערען צו שטארק אויף איין מאל און האבען באשיצט די הויט פון קערפער מיט א פעטען קרים. נאך א קורצער זון־באד האבען זיי ארויפגעווארפען אויף זיך זייערע כאלאטען און האבען זיך גענומען צו א גאנצער רייע ביכער, וועלכע ירמיהו האט צוגעגרייט. דער גאנצער דעסק איז געווען פארלייגט מיט מאפעס פון איראק, סיריע, עבר הירדן און לבנון. ירמיהו האט אויך אויסגעקראצט פון ערגיץ א מאפע פון דער שטאט באגדאד. עס איז זיי ניט אנגעקומען שווער זיך צו אריענטירען דערין, ווארים באגדאד איז זיי ניט געווען פרעמד פון אמאליגע באזוכען אין יענער שטאט.

די אויפגאבע פון פלאנעווען זייער אונטערנעמונג האט גענומען אויף זיך ירמיהו. סעדיה און סענדער האבען אינצווישענצייט זיך געלערנט אויף אויסווייניג שטעלען פון קאראן — די הייליגע תורה פון מאכמעדאנער — ווי אויך די אנגענומענע תפילות וועלכע יעדער גלויביגער מאכמעדאנער קען אויף אויסווייניג.

אבער ווי שטארק סענדער איז ניט געווען באשעפטיגט מיט אט די אלע צוגרייטונגען, האט ער אלץ ניט געקענט פארטרייבען פון זיך דעם אנבליק פון דער געהיימניספולער געשטאלט פון פנינה'ן, די מיידעל וועלכע האט זיי צוגעטראגען די קאווע אין קעלער. עפעס האט זי פארמאגט אזוינס וואס האט זיך ניט געלאזט פארגעסען אזוי לייכט.

סענדער איז שוין ניט געווען קיין אינגעלע און האט שוין געהאט דורכגעלעבט פינף און דרייסיג פרילינגס. פרויען זיינען געווען זיין שוואכקייט זייט ער האט זיך געדענקט און מען מוז זאגען, אז קיין מזל צום שיינעם געשלעכט האט סענדער'ן ניט געפעלט. פרויען פלעגען זיך קלעפען צו אים ווי פליגען צו האניג. ער איז געווען אזוי צעבאלעוועט פון ווייבער, אז ער האט ניט געהאט קיין צייט צו טראכטען פון א תכלית, פון א געזעצטען, רואיגען פאמיליען־לעבען.

לעצטענס אבער האט ער זיך באקענט מיט דבורה'קען און באלד פון ערשטען טאג אן האט סענדער דערפיהלט, אז אט די דבורה'קע איז עפעס אנדערש ווי די אלע אנדערע מיידען וועלכע ער האט ביז איצט געקענט.

דבורה'קע איז געווען א ביאליסטאקער, האט געשטאמט פון א בכבוד'יגער באלעבאטישער פאמיליע און איר אויסזעהן האט בארעכטיגט די וועלט־בארימטקייט פון ביאליסטאק אלס די שטאט פון די שענסטע פרויען אין פוילען.

דבורה'קע איז געווען ניט נאר א שיינע. זי האט פארמאגט א באזונדערען חן, וואס האט ארויסגעשטראלט פון אירע אויגען, ליפען, גריבעלעך אין די באקען, פון יעדען ריה, פון יעדער באוועגונג אירער. און דאס מערקווירדיגסטע פון אלץ איז געווען וואס די אלע יארען פון ליידען און שרעק, וועלכע זי האט דורכגעמאכט, האבען ניט געקענט אפווישען פון איר אט דעם באזונדערען רייץ און חן.

זי איז אלט געווען זעכצען יאר ווען די מלחמה איז אויסגעבראכען. די צרות האבען זיך אנגעפאנגען צוערשט אונטער דער סאוועטישער הערשאפט און שפעטער אונטער דעם יאך פון די דייטשען. איר גאנצע משפחה איז אומגעבראכט געווארען. דבורה'קע אליין האט דורכגעמאכט דעם גאנצען גיהנום פון אשווענטשים קאנצענטראציע לאגער, און ווען מען האט זי באפרייט איז זי געווען מער ענליך צו א סקעלעט ווי צו א לעבעדיגען מענשען. און דאך האט זי דורך דער גאנצער צייט ווי־עס־איז אנגעהאלטען איר האפנונג. זי איז געווען איינע אליין אויף דער וועלט, אהן א ברודער, אהן א קרוב. זי האט אבער געוואוסט וואס זי וויל טאן. זי האט געהאט א באשטימטען ציל פאר זיך: ארץ ישראל.

עס איז איר לייכט ניט אנגעקומען זיך צו דערשלאגען צו די ברעגען פון לאנד פון אירע האפנונגען. זי האט דורכגעמאכט דעם שוידערליכען וועג פון פילע „אומלעגאלע". איר שיף איז געכאפט געווארען און אוועקגעפירט געווארען קיין ציפרוס, וואו זי האט פארבראכט א קנאפען יאר צייט. איר געמיט איז אבער קיינמאל ניט געבראכען געווארען. דער יונגער קערפער איז שנעל געקומען צו זיך פון בעסערער ערנערונג און דבורה'קע האט זיך צעבליהט ווי א שיינע בלום אין די שטראלען פון דער פרילינגס־זון.

דער איינציגער אנדענק פון דער שוידערליכער פארגאנגענהייט איז געבליבען דער בלויער נומער אויף איר האנט. דבורה'קע האט זיך שנעל אריינגעפאסט אין נייעם לעבען. זי האט באקומען א גוטען, זוניגען צימער ביי א משפחה פון ביאליסטאקער לאנדסלייט, וועלכע האבען זי געקענט פון דער היים. זי האט אויך באקומען ארבייט אין א פאבריק פון האנטבייטלען און האט פארדינט גענוג צו מאכען א באקוועמען לעבען.

מיט סענדער'ן האט זיך דבורה'קע באקענט ערשט מיט צוויי מאנאטען צוריק. זיי האבען זיך באגעגענט ביים ברעג פון ים און סענדער האט זיך אליין פארגעשטעלט פאר איר.

דער יונג האט איר זעהר אמוזירט מיט זיין אידישער אויסשפראך. דורך די אלע יארען וואס סענדער האט פארבראכט אין ארץ ישראל, ווייט פון זיין געבורטס־שטאט, האט ער דאך אנגעהאלטען זיין ווארשעווער אויסשפראך מיט אזא עקשנות, וואס האט זיך גיכער געפאסט פאר א ליטוואק.

איינזעענדיג, אז איר העברעאיש איז נאך שוואכליך, האט סענדער באלד גענומען רעדען מאמע־לשון. צום סאמע ערשטען האט ער איר געמאכט א קאמפלימענט, זאגענדיג:

— עטץ זענט א שאינע מאידעל!

זי האט שוין אזוי לאנג ניט געהאט געהערט דעם דאזיגען זאפטיגען ווארשעווער אויסדרוק, אז זי האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט גענומען שטארק לאכען.

— וואוס לאכט עטץ, וואוע? יאך מאין עס, בינעמונעס! — האט סענדער געזאגט.

זי האט זיך נאך מער צעלאכט.

— איר רעדט אזוי קאמיש! — האט זי ענדליך קוים געקענט ארויסרעדען — אפילו ווארשעווער רעדען שוין מער ניט אזוי. מען זאגט ניט „עטץ"...

— עטץ גאיט מיך לארנען ווי מען רעדט אין ווארשע?! — האט סענדער זיך באליידיגט — א שאינע מאנסע! זע נור, די חיצפע פון א ליטוואטשקער צאילעם קאפ!

זיי האבען איצט ביידע געלאכט און פון יענעם מאמענט אן האט סענדער געפיהלט, אז דבורה'קע ווערט אלץ מער און מער איינגעבאקען ביי אים אין הארצען. ביז דאן פלעגט סענדער קענען ארויסווייזען אן אינטערעס אין צען מיידלעך אויף איין־מאל. ער האט קיינמאל ניט געוואוסט וואס דאס מיינט זיין צוגעבונדען צו איין פרוי. פרויען זיינען ביי אים געווען ווי שפילצייג ביי א צובאלעוועטע קינד. יעדע נייע שפילצייג איז געווען אינטערעסאנט ווי לאנג עס איז געווען ניי. באלד אבער פלעגט זיך עס צועסען און דאס הארץ האט גענומען גלוסטען נאך עפעס נייעס. פון צייט צו צייט פלעגט ער פלוצים געפינען אן אלטע שפילצייג, פלעגט ארויסווייזען דערצו א פלוצימדיגען אינטערעס און באלד ווידער עס פארווארפען.

(ווייטערס — מארגען)

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקא און פוילען — ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראָוז שושנה

(פארטזעצונג)

## מיט אפענע אויגען

איזי האט זיך כמעט אריינגעגנב'עט אין הויז. ער האט מורא געהאט אריינצוגיין, ווייל זיין מאמע ווארט געוויס אויף אים, כדי צו שרייען אים אין פנים אריין: — גנב! גנב! איך האב א זוהן א גנב.

ער איז אריין שטילינקערהייט אין זיין צימער. אין שטוב זיינען אלע שוין געשלאפען. ער האט זיך גיך געלייגט אויף זיין בעט.

א גאנצע נאכט האט ער נישט געקאנט איינשלאפען. געווארפען זיך אויפ'ן געלעגער. ער האט באטראכט זיין לאגע. ביסלעכווייז איז זיין כעס קלענער געווארען און ער האט אנגעהויבען גלויבען, אז סילוויא האט אפשר טאקע געזאגט דעם אמת. עס קאן דאך האבען געשען אזא זאך, אבער אירע שטענדיגע ליגענס האבען אנגעהויבען איצט ארויפשווימען אויף זיינע געדאנקען.

— איך מוז דערגיין דעם אמת וועגען סילוויא'ן, איך מוז! — האט ער צו זיך אליין גערעדט — צוליב איר בין איך געווארען א גנב... בא'גנב'עט מיין אייגענער מאמען. איך האב דאך שיער נישט באקומען א הארץ־אטאקע פאר שרעק, ווערענד זי איז אין דער זעלבער צייט געזעסען אין א רעסטאראן און גע'שיכור'ט.

אין דער צייט ווען איך האב זיך ארומגעדרייט און מיט אומגעדולד געווארט אויף איר, כדי זי צו דערפרייען, אז זי וועט נישט דארפען מער זיין קיין „בעיבי סיטער", האט זי זיך געוויילט מיט איר חבר'טע סוזי און מיט איר „באי פרענד".

וועגען סילוויא'ס אויסגעלאסענע צוזאמענטרעפונגען האט ער אפילו נישט אנגעהויבען צו טראכטען. פאר אזא האט ער זי יעדענפאלס נישט געהאלטען. זי איז לייכטזיניג, אבער נישט קיין אויסגעלאסענע און ער האט באשלאסען, אז ער וועט זיך מאכען קראנק, נישט זעהן זיך מיט איר איינע טעג און ער מוז דערגיין דעם אמת פאר יעדען פרייז.

דער ארימער איזי האט נאך נישט געוואוסט, אז דער אמת וועט אים קאסטען זעהר טייער, א גאר גרויסען פרייז.

ער האט באשלאסען באלד צומארגענס נעמען אויספארשען וואס עס געשעט מיט סילוויא'ן.

נאך דער שלאפלאזער נאכט האט איזי איינפאך מורא געהאט אויפצושטיין פון בעט און זיך באגעגענען מיט זיין מאמען, אבער בעקי איז אריינגעקומען צו אים אין צימער און מיט מוטערליכער צערטליכקייט געזאגט:

— איזעלע, עס איז דאך שוין שפעט. פארוואס שטייסטו נישט אויף? דו וועסט דאך זיין צו שפעט אין קאלעדזש.

איזי האט געוואלט כאפען זיין מאמע'ס האנט און אויסשרייען: „מאמע, איך, איך בין א גנב! איך בין נישט ווערט דיינע צערטליכקייטען." אבער בעקי האט ווייטער גערעדט:

— זוהנעלע, איך האב שוין צוגעשטעלט פרישטיק. הייב זיך אויף, קינד... — האט זי גערעדט ווי צו א קליין קינד.

ניין, איזי האט נישט געהאט קיין הארץ צו פארשאפען איר ווייטאג. ער האט דאך שוין געזעהן, אז זי ווייסט נישט וואס פאר א זוהן זי האט. איז בעסער צו שווייגען...

איזי האט אנגעהויבען אפגעבען זעהר א סך צייט אויסצוגעפינען און אויסצופארשען וואו סילוויא גייט.

ער האט אנגעהויבען איר נאכשפיאנירען און עס האט נישט לאנג גע־דויערט, אז ער זאל זעהן דעם ביטערען אמת. ער האט זיך איבערצייגט, אז זי קומט צו אים פון יענעמ'ס ארעמס, אז די אלע זאכען, וואס זי טראגט און וואס זי דערציילט אז דאס איז פון געלט וואס זי פארדינט פון לעקציעס, פון „בעיבי סיטעריי", איז אלץ ליגענס. דאס באקומט זי פון מענער, פון שאנדע.

דער קלאפ איז פאר אים געווען א צו־שטארקער. ער האט זי אנגעהויבען האסען און גלייכצייטיג האט ער זי גע־ליבט. ער האט זיך נישט געקאנט באפרייען פון איר. ער פלעגט באשליסען, אז ער וועט נישט גיין זי זעהן און נישט הערען אירע ליגענס. אבער ער איז געגאנגען און געפיהלט, אז ס'וועט זיין אומגליק געשען, ווייל זי האט אזוי קינציג געזאגט אירע ליגענס, אזוי אויסגעטראכט די מעשיות, אזעלכע איבערצייגענדע, אז זיין געדולד האט אמאל געפלאצט און ער האט א געשריי געטאן צו איר:

— ליגנערין! אויסגעלאסענע! יעדעם ווארט וואס דו זאגסט איז דאך א ליגען! ריר מיך ניט אן מיט דיינע שמוציגע הענט. אוועק פון מיר, דו, דו!...

ער איז אנטלאפען און מער פאר איר זיך ניט געוויזען...

עס האט אים געקאסט א סך גע־זונט. ער איז געווארען איינגעדארט און איינגעשרומפען. ער האט גע־בענקט נאך איר, אבער ער האט זיך באהערשט. מיט אייזערנע צוואנגען האט ער זיך געהאלטען כדי נישט צו פאלען ווידער צו אירע פיס און בעטען זיך, אז זי זאל אים מוחל זיין. ער האט זיך געפיהלט אזוי ווי א שמאטע, וואס מען קאן טאן מיט איר וואס מען וויל.

„ווי אזוי קאן איך נאך בענקען נאך איר, ווען איך ווייס ווער זי איז?..." —אזוי פלעגט זאגען די לאגיק. אבער עס האט דעם יונגען בחור געצויגען צו אירע הייסע קושען. דאס הארץ האט געבענקט נאך איר ווארימען אטעם.

ער פלעגט אפט שטיין אויף דער גאס ביים פענסטער פון איר צימער, וואס האט זיך געפונען אויפ'ן פארטער (גראונד פלאר), און ווי א גנב כאפען א בליק אויף איר שאטען, וואס פלעגט זיך באווייזען אויף די ראלעטען פון פענסטער. טיילמאל פלעגט ער אפילו בלייבען שטיין שעה'ען לאנג באהאל־טען קעגענאיבער אירע פענסטער און טיילמאל זאגאר צו'גנב'ענען זיך צו א שפארע פון א ראלעט און קוקען אויף איר. ער האט געזען ווי זי ווארפט אראפ פון זיך צוערשט דאס קלייד, דערנאך דאס דין־ראזעווע זיידען העמ־דעל מיט די שפיצען. זי איז געבליבען שטיין נאקעט. ער האט געזען איר נאקעטקייט. זי האט אויסגעלאשען די עלעקטריק און איז א נאקעטע צוגע־גאנגען צום פענסטער אריינצואטעמען פרישע לופט. ער איז גיך אנטלאפען באהאלטען זיך אונטער'ן בוימעל.

ער האט אין דער פינסטערניש פון צימער געזען דעם גלאנץ פון איר אל־באסטער קערפער, וועלכער איז געווען באגאסען מיט א זילבערנער שיין פון דער לבנה.

שטייענדיג ביים פענסטער האט זי צעלאזען די האר און געקאמט זיי מיט א גרויסער קאם. ער האט געשלונגען יעדע באוועגונג אירע. אים איז דורכ־געגאנגען א ציטער איבער אלע אברים. ער האט מורא געהאט, אז זי וועט אים דערזען. אבער ער איז צוגע־שמידט געווארען צום ארט, ניט גע־קאנט זיך ממש באוועגען.

„וואס טוט מען?" — האט ער אלץ געשעפטשעט צו זיך אליין. — „ווי אזוי וועל איך קאנען איינשלאפען?... אוי, די נעכט, די שרעקליכע נעכט! ווי וועל איך קאנען באהערשען מיינע שווארצע געפיהלען, מיין געפייניגטע נשמה, וועלכע איז פול מיט זינדיגע געדאנקען?

ער איז געשטאנען ביים פענסטער און היים גאט געבעטען, אז ער זאל שיקען אויף אים דעם טויט. איר יעדע באוועגונג האט אים געריייצט. ער האט איינפאך מורא געהאט פאר זיך אליין. ער האט געפיהלט, אז ער וועט זיך ניט באהערשען און אויסשרייען:

„סילוויא, איך האב דיך ליב, אזא ווי דו ביסט. אבי קום איצט ארויס צו מיר, סילוויא!"

ער האט זיך דערשראקען פאר זיינע אייגענע געדאנקען.

(ווייטערס מארגען)

# מאַקס געביל דערציעהלט

(שלום פון פעידוש 2)

האט צוגערעדט לואי מילער'ן צו קומען אין טעאטער, און לואי מילער איז דערנאך ארויס אין זיין צייטונג מיט א לויב־געזאנג וועגען דער פיעסע. נאך דער פארשטעלונג איז מילער צוגעקומען צו מיר, אז ער האט א פארשלאג פאר מיר.

וואס איז דער פארשלאג?

ער וואלט געוואלט, אז מען זאל מיין פיעסע „פאבליק אפיניאן" באארבייטען אין דער פארם פון א ראמאן און דרוקען אין זיין צייטונג. צי איך וועל מסכים זיין דערצו?

— איך וואלט מסכים געווען, אבער איך האב מורא, אז דורך דעם וועט מען די פיעסע צעשלעפען און אומעטום זי שפילען אן מיין ערלויבעניש.

— איז האט איר אייער פיעסע קאפיראיט? — האט מיך מילער געפרעגט.

— געוויס האב איך זי קאפיראיט — האב איך אים געענטפערט—אלץ, וואס איך שרייב אן, ווערט דורך מיר קאפיראיט אין וואשינגטאן.

— אויב אזוי, האט איר פאר גארנישט מורא צו האבען — האט מיר מילער ערקלערט, און ער האט מיט מיר אפגעמאכט פאר א געוויסען האנאראר, אז מיין פיעסע זאל ביי אים אין צייטונג ראמאניזירט ווערען דורך דעם שרייבער ליליפוט.

דער ראמאן האט זיך אנגעהויבען דרוקען שוין אין מיטען סעזאן און איז געגאנגען אין דער צייטונג איינינגע חדשים. נאטירליך האט דער פאקט, וואס די פיעסע איז יעדען טאג דערמאנט געווארען אין דער צייטונג דורך דעם ראמאן, געבראכט נוצען און נאך מער פאראינטערעסירט דעם עולם זי צו זעהן אויף דער בינע.

אין דער זעלבער צייט האט דזשעיקאב פ. אדלער געשפילט אין גרענד טעאטער א פיעסע פון משה ריכטער, וועלכע האט ניט געצויגען קיין גרויסע איינגאמעס. משה ריכטער האט גראד געקענט שרייבען פיעסען, און איינינגע פון זיינע פיעסען, ווי „הערצעלע מיוחס" אין אייראפע און זיין „צו־שפעט" ביי אונז אין אמעריקע, זיינען געווען גאנץ גוטע ערפאלגען. אבער דווקא מיט דער פיעסע ביי אדלער'ן האט ער נישט געטראפען. דער עולם איז אין טעאטער נישט געקומען, און משה נאדיר האט נאך א ביסעל אים אריינגעקיבעצט אויך, אז כאטש מען אנאנסירט די פיעסע אין אזוי פיל און אזוי פיל בילדער, זעט ער נישט דארט קיין שום בילדער, אויסער די בילדער, וואס הענגען אויף דער וואנט.

מען קאן זיך פארשטעלען דעם געמיט פון אזא אלטען גרויסען שוי־שפילער ווי דזשעיקאב פ. אדלער. ער שפילט א נייע פיעסע און ציט ניט קיין איינגאמען. אין דער זעלבער צייט שפיל איך אין מיין טעאטער מיין פיעסע „פאבליק אפיניאן" און כסדר צו פולע הייזער. מיין פיעסע דרוקט זיך אין דער פארם פון א ראמאן יעדען טאג אין „די ווארהייט", און גאניקמאן נוצט אויס יעדע געלע־גענהייט אין זיין צייטונג מיך אדער מיין טעאטער צו דערמאנען, צי עס פאסט זיך יא אדער נישט.

צוליב די שלעכטע געשעפטען האט אדלער זיך מער נישט געקאנט באהערשען און ער האט אנגעהויבען אן עפענטליכען קאמף געגען מיר אויף דער בינע, וואס האט דערפירט צו א לענגערען קאמף צווישען מיר און אדלער'ן, אבער נאר פון דער בינע.

(וועגען דעם אין נעקסטען קאפיטעל)

## „דבר", די צייטונג פון דער הסתדרות, פייערט איצט איר 25־יעריגע עקזיסטענץ

(שלום פון עדיטאריעל פעידוש)

אפגעשטעלט דאס פארקויפען פון דער צייטונג אין די גאסען. פאר דער וועלט־מלחמה איז די צייטונג ערשי־נען אין 18 טויזענט עקזעמפלארען. אין די מלחמה־יארען איז די דאזיגע צאל געווען גאר א נידעריגע. אבער אין יאר 1947 איז זי צוריק ארויפ־געשטיגען צו 24 טויזענט.

וועגען דער אנטוויקלונג פון דער צייטונג קענען די פאלגענדע צוויי ציפערען געבען א געוויסען באגריף: ביי דער גרינדונג האט די צייטונג בא־שעפטיגט אכט דרוקער ארבייטער; היינט באשעפטיגט זי 76 דרוקער־ארבייטער.

נאך בערל קאצענעלסאנ'ס טויט האט די הויפט־אנפירונג פון דער צייטונג איבערגענומען זלמן רובאשאוו, דער היינטיגער מיניסטער פאר קול־טור און ערציאונג, ש. ז. שזר — א גייסטרייכער שריפטשטעלער מיט א סך וויסען. און ער האט פארטגעזעצט אין דער צייטונג דעם גייסט פון זיין פארגענגער. היינט, ווען מיניסטער שזר קען זיך ווייניגער אפגעבען מיט דער צייטונג, ווערט בערל'ס גייסט געפלעגט פון א גרופע פעהיגע, פאר־אנטווארטליכע זשורנאליסטען, וועלכע טוען די דאזיגע ארבייט.

# באַציהונגען צווישען ישראל און ענגלאַנד פיל פאַרבעסערט, זאָגט מיניסטער משה שרת

קייפטאון, דרום־אפריקע, מאי 28 (איטא) — די דעקלאראציע פון אמעריקע, ענגלאנד און פראנקרייך וועגען דער באוואפענונג פון מיטעלען מזרח איז א ווייטיגער שריט פאראויס אין דער לייזונג פון דער אנגעווייטיגטער פראגע, האט ערקלערט אויסערן־מי־ניסטער משה שרת ביי זיין אנקום אויף א באזוך קיין דרום־אפריקע. ער האט באטאנט, אז אלס אזא באגריסט ער די דעקלאראציע.

ישראל, האט שרת ווייטער גע־זאגט, איז שטענדיג גרייט צו פירען שלום־פארהאנדלונגען מיט די אראבישע לענדער. ער האט דערביי ער־קלערט, אז די אידישע מדינה איז גרייט צו געבען עבר־הירדן א צוטריט צו די האפענס אין ישראל. אין דער זעלבער צייט האט ער באטאנט, אז כל־זמן עס איז ניט געשלאסען געווא־רען קיין פעסטער שלום צווישען דער ישראל־מדינה און עבר־הירדן, איז די אידישע מדינה ניט געניגט צו אנער־קענען אבדאלא'ס אנעקסירונג פון דעם אראבישען טייל פון ארץ־ישראל.

ענטפערענדיג אויף פראגען פון צייטונגס־לייט, האט שרת ערקלערט, אז די באציאונגען צווישען ישראל און ענגלאנד האבען זיך לעצטענס פיל פארבעסערט. ישראל איז פאראינטע־רעסירט צו שטיין מיט ענגלאנד אין די סאמע פריינדליכסטע באציאונגען צוליב די נאענטע עקאנאמישע און קולטורעלע פארבינדונגען, וואס זיי־נען פאראן צווישען די צוויי לענדער, האט שרת געזאגט.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • • • פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— דאס איז עלינאר, טעדי. נעם איר גוט־אויף — האט ער אים אנגע־זאגט אין א פרייליכען טאן. טעדי האט זיך געהאלטען אביסעל שעמעוודיג, ווען ער האט עלינאר'ן געדריקט די האנט.

— איך קען אייך שוין פון לאנג. סאני האט מיר אזויפיל דערציילט פון אייך.

— יע, איך בין שוין אויך געווען נייגעריג אייך צו קענען — האט אים עלינאר געזאגט.

טעדי האט אויסגעזעהן שוין א באיארענטער מענש, מיט א סך ווייסע פעדים אין זיין קוטשמע שווארצע האר, און מיט קארבען אויפ'ן שטערן. נאר ווען ער האט געשמייכעלט האט ער אויסגעזעהן יונג, כמעט אינגעלש. ער איז געגאנגען אנגעטאן אביסעל אפגעלאזען: די העמד ביים האלז צע־קראסטעט. נאר ארום אים איז גע־ווען אזא טאן ווי אים ארט ניט פאר קיין זאך. עלינאר האט וועגען אים א טראכט געטאן: „אזוי דארף אויס־זעהן אן אמת'ער ארטיסט."

ס'איז געווען פרייליך און רוישיג אין סטודיא און אלע האבען זיך דא געפיהלט ווי איין משפחה. עטליכע מיידלעך זיינען אוועק אונטער'ן פאר־האנג צו דער קיך, אויף צוגרייטען טיי און צובייסען. צווישען די מיידלעך, וואס האבען דא היימיש געבאלעבא־טעוועט איז געווען מילדרעד, די גרעס־טע פארעהרערין פון טעדי'ס טאלאנט. זי איז געווען זיין „סטעדי" מיידעל. זי האט געהאט שיינע, שווארצע, אויסדרוקספולע אויגען און שווארצע, גלאנציגע האר, גלאט פארקעסט אי־בער די אויערען, מיט א שרונט אינ־מיטען. זי האט כסדר געקוקט אין טעדי'ס זייט מיט פארליבטע אויגען.

צווישען די אנדערע מיידלעך, וואס האבען זיך עלינאר'ן געווארפען אין די אויגען, איז געווען איינע שארלאט, אנגעטאן אין „סלעקס" און אין א הע־לען סוועטערל, וואס האט אפגעצייכענט אירע קליינע, מיידעלשע ברוס־טען, און מיט אן אינגעלש - געשארע־נער קעפעל; אירע אויגען פון גרין־געלבליכען קאליר, ווי דורכזיכטיגער בורשטין, און די נעגעל פון אירע פינ־גער — לאנגע, שפיציגע — זיינען געווען אפגעפארבט רויט ווי בלוט. זי איז געזעסען אויפ'ן פארענטשע פון א טיפען שטול און געראויכערט און געקוקט אויף עלינאר'ן דורך די לאנגע וויהעס פון אירע אויגען.

— איך זעה היינט עפעס צו־שטיל, שארלאט — האט אימיצער פון די בחורים איר געזאגט.

— איך בין ניט אויסגעשלאפען — האט זי א לאך געטאן. — כ'האב נעכטען זיך געלייגט שלאפען דריי דעם זייגער ביינאכט.

איר שטימע איז געווען א גראב־ליכע, אביסעל א הייזעריגע. זי האט זיך געהאלטען גרינג, שפילעוודיג, און ס'איז קענטיג געווען, אז זי נעמט אויס ביי די בחורים

א טיש איז אויפגעשטעלט געווא־רען אינמיטען צימער. ס'איז געווען טיי און צובייסען. ס'האט זיך באלד אויך באוויזען קאניאק און „קאק־טעילס" (געמישטע געטראנקען) און דער עולם איז געווען גוט אויפגעלייגט און לוסטיג. אין דעם פרייליכען רעש ארום האט עלינאר זיך געפיהלט גע־הויבען. קיינמאל האט זי ניט גע־פיהלט אזוי גוט ווי איצט. זי איז געזעסען ביים טיש און סאני איז לע־בען איר געשטאנען מיט זיין האנט אויף איר אקסעל, און אז זי האט אויפ־געהויבען צו אים אירע אויגען האט זי געזעהן אין זיין בליק און אין זיין איינגעהאלטענעם שמייכעל עפעס אזא צוזאגענדיגע פרייד.

א סך מיידעלשע בליקען זיינען גע־ווען געווענדט צום ווינקעל וואו עלי־נאר און סאני האבען זיך געפונען. סאני איז דאך געווען פאררעכענט ווי איינער פון די אינטערעסאנטסטע בחורים פון דעם גאנצען קרייז, און ניט איין מיידעל איז שוין געווען אין אים פארליבט. האבען זיי איצט גע־קוקט אויף עלינאר'ן מיט פארשענדיגע בליקען. זי איז ניט־ווילענדיג אויס־געוואקסען הויך אין אלעמענס אויגען צוליב סאני'ן.

אייב, עלינאר'ס באגלייטער, האט ניט געוואלט זיך זעצען צום טיש. אימיצער פון די מיידלעך האט אים צוגעטראגען א גלאז טיי און א סענד־וויטש אינ'ם ווינקעל וואו ער איז גע־זעסען. אין רויך פון פאפיראסען און אין דער היץ פון די פרייליכע שמוע־סען איז אייב געווען אליין מיט זיך, מיט זיין אומעטיגער שטימונג. ער האט געזעהן עלינאר'ן ווי זי איז גע־זעסען ביים טיש א לוסטיגע. ער האט אויך געזעהן ווי סאני איז צו איר צוגעגאנגען און מיט איין האנט גע־האלטען ארומגענומען אירע אקסלען, און ווי עלינאר האט אויפגעהויבען די אויגען צו אים. עס האט געדויערט אן אייביגקייט דאס קוקען איינע אויף די אנדערע. אייב האט געוואונשען, אז דאס זאל שוין אויפהערען און סאני זאל כאטש אויף איין ווייל אפטרע־טען פון איר. עס איז אים צו־שווער געווען דאס צו זעהן.

אייב האט איצט ביי זיך געטראכט: ס'זיינען דאך פאראן גענוג מיידלעך, וואס וואלטען געווען צופרידען געליבט צו ווערען פון אט־דעם סאני'ן; דארף ער גאר פונקט אוועקנעמען איה, עלי־נאר'ן — די איין־און־איינציגע מיי־דעל וואס איז אים, אייבי'ן, אזוי ליב.

אין דעם גאנג פון אווענט איז עלי־נאר א פאר מאל צוגעגאנגען צו איי־בי'ן. אירע אויגען האבען געשיינט. האט מיט אים אויסגערעדט א פאר ווערטער. ס'איז איר היינט צו־גוט געווען, און זי האט אויף אים געקוקט און אים ניט געזעהן. און באלד האט זי ווידער זיך אוועקגעדרייט פון אים און ווידער אן אים פארגעסען.

דורך די פאר שעה פון היינטיגען אווענט האט עלינאר ליב געקראגען די אלע מענשען דא. זי האט ליב געקראגען זייער אומרו, זייער פלא־טער, און וואס יעדערער פון זיי איז ווי אויסגעטאן פון די וואכעדיגע זאר־גען. זי האט געפיהלט, אז זינט זי האט זיך באקענט מיט סאני'ן — און איצט מיט זיינע פריינט — האט זיך ווי געעפענט פאר איר א נייע וועלט. מיט אפענע חושים פיהלט זי איצט טיפער, פארשטייט זאכען אנדערש. דאס ווירקליכע לעבען איז שווער צו פארטראגען, איז גוט צו קענען אוועק־גיין פון דער ווירקליכקייט, צו זוכען נאר דאס שיינע און פרייליכע אין לעבען. אן „עסקיפ", עס איז ווי אפ־געבען זיך צו חלומות, צו אויסגע־טראכטע וועלטען. איר האט זיך גע־דוכט ווי ביי אט־די מענשען איז פאראן נאר איין ציל: „טו בי העפי, טו העוו פאן" (צו זיין פרייליך, צו האבען פארגעניגען).

אימיצער האט אנגעשטעלט די ראדיא און ס'האט א שפיל געטאן א וואלס. אימיצער האט אימיצען אנ־גענומען פאר א האנט, זיי האבען זיך א ן י פ ג ע ה ו ־ ב ן און אוועקגעדרייט זיך אין א טאנץ. סאני איז צו איר צוגעגאנגען, איר א נעם געטאן פאר א האנט:

— קאם אן, לאמיר אויך טאנצען— האט ער א לוסטיגער איר געזאגט.

זי האט ארויפגעלייגט איר האנט אויף זיין אקסעל און א ווייל'ע האבען זיי געשוועבט איבער'ן דיל צום טאקט פון דער מוזיק. אזוי נאהענט איז זי איצט געווען צו אים, אז זי האט גע־פיהלט זיין הייסען אטעם. ער האט איר געהאלטען אין זיינע ארעמס. באלד וועט ער איר אפשר נעמען קו־שען פאר אלעמען אין די אויגען. זי וועט זיך פארלירען, וועט ניט וויסען וואס עס טוט זיך מיט איר. זי האט זיך אפגערופען מיט א שטילען קול:

— קום, לאמיר זיך זעצען. איך קען מער ניט...

דער מאלער טעדי איז היינט געווען אין אן ערנסטער שטימונג. ער איז געשטאנען אין א ווינקעל ביים פענס־טער מיט א גרופע בחורים און מייד־לעך און זיי האבען זיך צערעדט פון ביכער, פון טעאטער, פון מוזעאוס, פון לעבען, פון אלץ אין דער וועלט. זיי האבען גערעדט היציג און מיט יוגענט־ליכער ערנסטקייט. זיי האבען אלעס געלייענט און אלעס געוואוסט. טעדי האט זיך צערעדט וועגען די שרייבער און קינסטלער פון אונזער צייט:

— עס לוינט זיך ניט אנצושטריינ־גען עפעס צו דערגרייכען. קיינער קען ניט טאן וואס ער וויל, צו וואס ער איז בארופען. קיינער קען ניט לעבען ווי ער וויל.

(פארזעצונג מארגען)

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

געשריבען ספּעציעל פאַר'ן „פאָרווערטס"
פון
**שלמה בן־ישראל**

(נאַכדרוק פאַרבאָטען)

(פאָרטזעצונג)

דבורה'קע איז געווען די ערשטע פרוי אין זיין לעבען וועלכע האָט אים פאַרשקלאַפּט צו זיך. ווען ער פלעגט זי פאַרלאָזען האָט ער שוין געגומען בענקען באַצייטענס נאָך איר. ער האָט אויסגעפונען, אַז ער קען זיך ניט באַ־פרייען פון איר אויף קיין מינוט. אַז אייביגע נאָגעניש פון בענקשאַפט האָט אנגעפילט זיין האַרץ טאָג און נאַכט. קיין אַנדערע פרויען האָבען אים מער ניט אינטערעסירט. ער האָט אויפגע־הערט צו זעהן אַנדערע, אויפגעהערט צו באַמערקען די שלאַנקע פיס און זאַס, די געטאַקטע קערפּערס ביים ים, די געהיימניספולע בליקען פול מיט צו־זאָגען און רייץ אין קאַפע הויז...

אויך זיין באַציאונג צו דבורה'קען איז געווען גאָר אַן אַנדערע ווי צו די ביז איצטיגע באַקאַנטע פרויען. פאַר דבורה'קען האָט ער געהאַט אַ טיפע, אַפּשיי, אַ דרך־ארץ. ווען ער פלעגט זי אַרומנעמען האָט ער געהאַט דעם געפיהל, אַז ער אומאַרעמט אַ צאַרטע, הייליגע זאַך. אירע ליפּען פלעגען אים פאַר'שיכור'ן און אָנפילען זיין האַרץ מיט אַ זיסער נאָגעניש פון אומ־באַשרייבליכער בענקשאַפט. אירע קו־שען פלעגען אים רירען ביז טרערען, אָבער קיינמאָל ניט אויפברויזען די בלוטען אָדער אויפוועקען די אינ־סטינקטען פון דורשטיגען באַגער.

אַט די דאָזיגע געפיהלען, די דאָזיגע באַציאונג, האָבען אים צוערשט גע־שראָקען. „ניט שוין־זשע ווער איך אַלט?" האָט ער געפרעגט ביי זיך אַליין.

ער האָט אָבער ביסלעכווייז געגו־מען איינזעהן, אַז עס איז ניט די עלטער, עס איז ניט קיין אָפּגעלעבטקייט און ניט קיין שוואַכקייט. פאַרקערט, ער האָט גענומען פיהלען יונג, פיל אינגער ווי ווען עס איז פאַר דעם. ער האָט גענומען איינזעהן, אַז ער האָט געלעבט ביז איצט אין אַן עולם־הזה'־דיגער וועלט פון זאַטקייט און זאַגאַר איבערגעפרעסענקייט. ער האָט ניט געהאַט ביז איצט קיין אילוזיעס. ער האָט געלעבט נאָר מיט מאַטעריעלע ווערטען, ניט פיהלענדיג מער די שיינ־קייט און ערהויבענהייט פון דער ליבע.

איצט האָט ער געליבט. און אַ נייע וועלט, אַ לאַנג פאַרגעסענע וועלט פון שיינע אילוזיעס און אַלע קאָלירען פון דעם פאַרבענגרייכען רעגענבויגען האָט זיך אויפּראַסניי אַנטפּלעקט פאַר אים. צאַרטע, לאַנג־פאַרשטומטע סטרונעס האָבען זיך צושפּילט מיט אַ הייליגען ציטער אין זיין האַרץ. זיין גאַנץ וועזען האָט געזונגען פון זיין ליבע.

און דבורה'קע? האָט זי געהאַט די זעלבע געפיהלען צו אים? ער איז ניט געווען זיכער דערין. זי איז ניט געווען גלייכגילטיג צו אים, דאָס האָט ער געוואוסט. אָבער ווי שטאַרק צוגעבונדען צו אים זי איז געווען, דאָס האָט ער ניט געקענט באַשליסען ביי זיך.

זי האָט זיך אימער געפרייט אים צו טרעפען, אָבער ער איז ניט גע־ווען זיכער צי עס קומט איר אַזוי שווער אַן די שיידונג ווי אים. ער האָט פילע מאָל געוואָלט פרעגען ביי איר ווי שטאַרק זי ליבט אים, צי זי וויל זיין זיינע אויף שטענדיג, אָבער ער האָט עס ניט געוואַגט צו טאָן, מורא האָבענדיג צו הערען פון איר דעם אמת.

ער האָט באַשלאָסען צו וואַרטען, געבען איר מער צייט זיך צו באַקע־נען, מער צייט זיך צוצובינדען צו אים. אָבער די אומזיכערקייט האָט ניט אויפגעהערט צו מאַטערען זיין האַרץ אין די שלאָפלאָזע נעכט. ווען ער פלעגט זיך טרעפען מיט איר, פלעגט ער פאַרגעסען אין די צוויי־פלונ־גען, אָבער זייענדיג ווייט פון איר האָט עס אים געמאַטערט.

אַט אין אַזאַ שטימונג האָט סענדער געלעבט די לעצטע עטליכע מאָנאַטען ביז יענעם אָווענט, ווען די צוויי אומ־באַקאַנטע האָבען אים פאַרשטעלט דעם וועג לעבען דבורה'קעס הויז.

זינט ער האָט דערזען די געהיימ־ניספולע פנינה אין קעלער האָט זיך עפּעס פּלוצים אָפּגעריסען אין סענ־דער'ס האַרץ. צום ערשטען מאָל אין פאַרלויף פון פילע טעג און וואָכען איז דבורה'קעס געשטאַלט פאַרטונ־קעלט געוואָרען. סענדער האָט פּלוצים דערפילט אַ דערלייכטערונג פון גע־מיט. דער נאָגענדער געפיל פון שטענ־דיגער בענקשאַפט איז מיט איין מאָל צוגעטעמפּט געוואָרען.

עס האָט ניט געמיינט, אַז סענדער האָט זיך באַפרייט פון זיין געפיל צו דבורה'קען. ניין, ניט דאָס. ער וואָלט נאָך אַפילו איצט געווען גרייט צו פאַרבינדען זיין לעבען אויף אייביג מיט איר. צו־טיף איז זי געווען איינ־געבאַקען אין זיין האַרץ ער זאָל זיך קענען אַזוי לייכט באַפרייען פון איר צויבער.

ער האָט אָבער צום ערשטען מאָל זינט ער האָט דבורה'קען געטראָפען דערפילט אַ מאָרנע נייגעריגקייט צו אַ צווייטער פרוי. ער האָט זי געזען צוויי מינוט. זייערע בליקען האָבען זיך געטראָפען אויף אַ קורצען אויגענ־בליק — און דאָך האָט פנינה'ס בליק דורכגעלעכערט זיין האַרץ, אַריינגע־דרונגען אין די פאַרבאָרגענסטע ווינ־קעלעך פון זיין נשמה. אין דעם איינ־ציגען קורצען אויגענבליק האָט ער געפילט גלייך ווי פנינה זאָל האָבען אַרויסגעכאַפּט פון אים זיינע אַלע פאַרבאָרגענע געהיימניסען...

ווער איז זי? וואָס פאַר אַ סאָרט פרוי איז זי? איז זי טאַקע ניט מער ווי אַ דינסט־מיידעל דאָרט אין קעלער, צו סערווירען קאַווע מיט צובייסען פאַר די, וועלכע קומען אַהין?

אָדער פיליכט איז זי מער ווי דאָס? נאָך אַלעמען געפינט זי זיך אין סאַמען האַרץ פון אַ מעכטיגער געהיימער נעץ פון שפּיאָנאַזש. זי ווייסט און הערט זאַכען וואָס דאַרפען געהאַלטען ווערען אין שטרענגער גע־היימניס... און מען טרויט איר...

סענדער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָנען און אויפלעבען יעדען מאָ־מענט פון די, וועלכע זיי האָבען דורכ־געמאַכט אין קעלער. ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען, הערענדיג דעם צודעק עפענענדיג זיך. דאָס מיינט, אַז פנינה האָט דעם קעלער ניט פאַרלאָזט די גאַנצע צייט. אויב אַזוי האָט זי דאָך געהערט דעם גאַנצען געשפּרעך און זי ווייסט אַלצדינג... זי ווייסט אַפילו מער ווי זיי ווייסען, ווארים זי האָט זיך געפונען אין קעלער איידער מען האָט זיי אַרונטערגעלאָזט אַהין...

ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אין דעם שטילען געוויין וואָס ער האָט געהערט. „ס'איז ניט געווען קיין מויז" — האָט ער באַשלאָסען ביי זיך. „דאָס איז געווען פנינה... זי איז דאָרט געווען די גאַנצע צייט... יאָ, קיין צוויי־פעל דעריין..."

טאָ ווער־זשע איז זי, אַט־די פנינה, וועמעס בליק איז ווי אַן אָנגעגליטער שפּיז? ווער איז זי, וואָס זי טראָגט איר קאָפּ אַזוי שטאָלץ אויף די אַקסלען? ווער איז זי, די געהיימניס־פולע געטין, וועמעס גלידער זיינען געשניצט פון אייליבירט האַלץ און וועמעס אויגען אַנטהאַלטען אין זיך דעם סודות'פולען שלייער פון דער געהיימ־ניספולער נאַכט?

מיט קיין איינציגען וואָרט האָט סענדער ניט אַרויסגעגעבען אַט־די גע־דאַנקען זיינע, וועלכע האָבען אים געמאַטערט. ער האָט ניט געוואָלט ריידען צו זיינע פריינט פון איר, ווארים ער האָט זיך געשראָקען, אַז זיי וועלען נעמען אָפּשפּאָטען פון אים.

ער האָט ניט געוואוסט. אַז ער איז ניט דער איינציגער וואָס ווערט גע־מאַטערט פון דער זעלבער געהיימניס. ווארים אויך סעדיה און ירמיהו האָבען ניט געקענט פאַרגעסען די געהיימ־ניספולע, שטאָלצע און שיינע גע־שטאַלט פון פנינה'ן. איבערהויפּט האָ־בען זיי ניט געקענט פאַרגעסען דעם בליק פון אירע אויגען...

(ווייטערס מאָרגן)

## בוטשער אין ברוקלין גיט דעם איינקונפט פון טאָג צום „אַפּיל"

לואי נעלוואַן, דער איינגענטימער פון כשר בוטשער סטאָר אויף 244 סאוט 3טע סטריט (לעבען העוועמאייער סט.) ברוקלין, וועט דעם גאַנצען איינקונפט במשך פון דאָנערשטאָגדיגען טאָג, דעם ערשטען יוני, איבערגעבען פאַר'ן יו־נאַיטעד דזשואיש אַפּיל קאַמפּעין. דאָס איז ניט דאָס ערשטע יאָר ווי לואי נעלוואַן מאַכט אויף אַזאַ אופן ביי־שטייערונגען פאַר'ן יונאַיטעד דזשו־איש אַפּיל. אין 1949 האָט לואי נעל־וואַן אויף דעם זעלבען אופן ביינע־שטייערט צום יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל העכער טויזענט דאָלער.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע
•
פון
**מרים ראַסקין**

(פאָרטזעצונג)

אין זיין טאָן האָט זיך געפיהלט אַנטוישונג, ביטערקייט און פּעסימיזם, ווי עס רעדט איינער וואָס זיין לעבען האָט זיך ניט איינגעגעבען און איז באַ'עוולה'ט געוואָרען. אַלע האָבען גע־וואוסט פאַרוואָס דער מאָלער טעדי בוירגער פיהלט זיך אַזוי פאַרביטערט. אַ סך פון זיינע קאָלעגען האָבען גע־קראָגען דזשאָבס אין „קאָמערשעל אַרט", נאָר ער האָט זיך פון אַזאַ סאָרט אַרבייט אָפּגעזאָגט, ווייל ער האָט גע־האַלטען, אַז דאָס וואָלט געווען אַ פאַרשוועכונג פון זיין טאַלאַנט אַלס אַ קינסטלער. ער האָט ליבער געליטען נויט, איידער דאָס צו טאָן.

מילדרעד, טעדי'ס געליבטע, די מיי־דעל מיט די שיינע, אויסדרוקספולע אויגען, איז געזעסען דאָ דערביי אָביך סעל אויסגעבויגען פאָראויס, מיט איר האַנט אונטערגעשפּאַרט איר קין און מיט אַנטציקונג האָט זי זיך איינגע־הערט צו טעדי'ס ריידען. און די לוסטיגע שאַרלאָט האָט ביי אים גע־פרעגט עפּעס וועגען איינער פון זיינע בילדער. דאָס איז געווען איר אופן אַנטייל צו נעמען אין אַן ערנסטען שמועס, צו פרעגען אַ פראַגע.

סאַני אַליין איז באַלד צוגעשטאַנען צו זייער שמועס, ער האָט געהאַלטען מיט זיין פריינט טעדי און ער האָט גערעדט פון די אויסדערווײלטע מענ־שען, וואָס קענען ניט גיין אין שפּאַן און ניט אַריינפּאַסען זיך אין די גרע־ניצען, וואָס די געזעלשאַפט האָט פאַר זיי אויפגעשטעלט, און דערפאַר מוזען זיי ליידען.

— עס איז ביי אונז אַזאַ לאַגע, וואָס נאָר די מיטעלמעסיגקייטען, די קאַריעריסטען האָבען ערפאָלג, — האָט ער גערעדט מיט אויטאָריטעט. — די מענשען, וואָס האָבען ניט קיין העכערע אַמביציעס, די צופרידענע מיט זיך, זיי איז גוט.

ביי עלינאָר'ן האָבען אויפגעשיינט די אויגען. זי האָט דאָך די זעלבע רייד שוין אַ סך מאָל געהערט פון סאַני'ן. נאָר יעדעס מאָל איז זי אויפסניי געווען פאַרכאַפּט. ער איז אַ פרייער גייסט, סאַני, אַ מענש מיט אַרטיסטי־שע נייגונגען. סאַני האָט געקענט ריידען אינטערעסאַנט און בליציג. ער האָט אָנגעוואָרפען געדאַנקען, גענומען פון גרויסע מענשען, שרייבער, וואָס האָבען דאָ און דאָרט געשריבען וועגען דער זעלבער פראַגע. אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין סאַני געווען דער צענ־טער פון'ם רעדעל מענשען, וואָס האָ־בען מיט אינטערעס זיך איינגעהערט צו זיינע רייד, ווי מען הערט איינעם וואָס האָט עפּעס וויכטיגעס צו זאָגען. ווי אַלע מאָל, איז אין זיין טאָן געווען אַ שאָטען פון איראָניע און סאַרקאַזם, ווי ער וואָלט וויסען נאָך מער וויפיל ער קען אַרויסריידען...

אייבּ האָט אָנגעשטרענגט זיין גע־הער. סאַני האָט ריידענדיג פון מי־טעלמעסיגקייטען און קאַריעריסטען גע־קוקט צו דעם ווינקעל וואו אייב איז געזעסען. וואָס איז דאָס? ער מיינט דאָס אים! מען וויל אים דאָ אַראָפּ־וואַרפען און, ווידער, דער סאַני! אייב האָט באַמערקט ווי דעם גאַנצען אָווענט האָט זיך סאַני געהאַלטען גרוים געגען אים, ווי ער וואָלט אים גאָרניט געקענט. קיינער האָט ניט גע־וואוסט, אַז עס קומט פאָר אַ שטילע מלחמה צווישען אַט־די צוויי בחורים, און סאַני איז דער געווינער. אייב האָט געפיהלט, אַז ער מוז זיך דאָ אָפּ־רופען איצט:

— אַנטשולדיגט, — האָט ער גע־זאָגט, צוגייענדיג נענטער צום רעדעל מענשען — איך וויל נאָר זאָגען, אַז מען האָט דאָ גערעדט צו אַלגעמיין און ניט קלאָר גענוג. מען קען ניט אָנרו־פען אַ קאַריעריסט איינעם, וואָס גיט זיך אָפּ מיט לערנען, מיט שטודירען וויסענשאַפט, צום ביישפּיל...

אייב האָט נאָך געוואָלט ריידען פון די, וואָס שטודירען און פאָרשען. אַז זיי טוען אויף גרויסע זאַכען און זיי ברענגען אַ סך נוצען דעם מענשען, נאָר קיינער האָט קיין געדולד ניט גע־האַט אים צו הערען ביז'ן סוף. זיי האָבען שוין אויפגעכאַפּט פון ערשטען וואָרט וואָס ער מיינט צו זאָגען.

„ער איז צו־לאַנגזאַם, ער רעדט ווי אַ פּראָפעסאָר אין קאָלעדזש," האָט אימיצער וועגען אים אַ שפּאַס געטאָן.

סאַני אַליין האָט געמאַכט אַ גרי־מאַסע, ווי ער לאַנגווײַליגט זיך, און ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע זיין לולקע און געפּרואווט פאַררויכע־רען.

אייב איז אין אַ שמועס מיט מענ־שען קיינמאָל ניט געווען אַזוי ברי־ליאַנט ווי סאַני. ער האָט אַפילו גע־האַט אַ סך מאָל צו זאָגען וויכטיגע זאַכען, נאָר ער האָט ניט געקענט מאַכען, אַז מענשען זאָלען אים וועלען הערען מיט אינטערעס. עס איז געווען אַהן גלאַנץ און צו־שטיל אַרויסגע־רעדט. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערו־פען, אַז ער האָט פאַרענדיגט ריידען. און אייב אַליין איז געווען אין כעס אויף זיך פאַרוואָס ער האָט נאָר אָנ־געהויבען. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אינגאַנצען אַרויסגעפאַלען פון גע־שפּרעך און ער האָט זיך צוריק אָוועק־געזעצט אויף זיין אָרט לעבען פענס־טער.

עלינאָר האָט געהערט אייבי'ן רייד־דען ווי עפּעס פון זעהר ווייט. אירע געדאַנקען זיינען איצט געווען פאַרנו־מען מיט זיך אַליין און מיט סאַני'ן; און עס האָט איר פאַר קיין זאַך ניט געאַרט. זי האָט געזען ווי סאַני איז צוגעגאַנגען צו דער ראַדיאָ, זיך גע־נומען פאַרדיען אַרום דעם. ער האָט אויפגעעפענט אַ שאַפּקעלע, וואו עס זיינען געלעגען גאַנצע בערג מיט מו־זיק רעקאָרדס. סאַני איז געווען באַ־וואוסט אַלס אַ גרויסער ליבהאָבער פון גוטער מוזיק. ער האָט די רעקאָרדס צוגעסטראָיעט צו דער ראַדיאָ און איצט האָבען אַלע דאָ אין צימער גע־קענט זיצען און הערען די זעלטענ־סטע מוזיק, סימפאָניעס און קאָנצערטען פון די גרעסטע אַרטיסטען. סאַני האָט אויך אויפגעזוכט רעקאָרדס פון אַמע־ריקאַנער פאָלקס־לידער, לידער פון דער ווייטער וועסט, אויך „ספּירי־טשועלס" נעגערישע און אַלערליי גע־זאַנגען פון די לאַטיינישע לענדער. אַלץ איז געווען געזונגען שיין און פאַרכאַפּענדיג.

צום סוף האָט סאַני אַרויפגעשטעלט רעקאָרדס מיט רוסישע ניגונים. אַ גרויסער מענער־כאָר האָט געזונגען דאָס ליד פון דעם טייך „וואָלגאַ". מעכטיגע, וואויל־קלינגענדיגע שטי־מעס האָבען געזונגען האַרציג, פאַר־בענקט. אַלע אין צימער זיינען געזע־סען צוגעשטילטע. סאַני אַליין איז גע־שטאַנען לעבען דער ראַדיאָ אַ פאַר־קלערטער.

— עס איז פאַראַן נאָר איין לאַנד וואוהין איך וואָלט וועלען פאָרען, — האָט סאַני אַרויסגערעדט מיט אַ פאַר־בענקטער שטימע. — עס מוז דאָרט זיין אינטערעסאַנט צו לעבען.

— אַה, באַי! — האָט טעדי זיך אָפּגערופען פון זיין ווינקעל. — איך האָב מורא, אַז דאָרט איז ניט פאַר דיר, דו וועסט דאָס ניט גלייכען. פאַר־געס ניט, ס'איז סאָוועט־רוסלאַנד.

— פאַרוואָס דענקסטו אַזוי? פאַר־וואָס זאָל מיר דאָרט ניט געפעלען? — פרעגט סאַני.

— דאָרט, אין סאָוועט־רוסלאַנד, מוז מען שווער אַרבייטען. דו ווייסט עס ניט?

אויף דעם האָט סאַני אָפּגעענטפערט מיט זיין געוויינליכען שטייגער פון ריידען, האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט:

— ניט איך, איך וועל ניט דאַרפען דאָרט שווער אַרבייטען. איך וועל דאָרט זיין אַ קאָמיסאַר.

דאָ האָבען זיך אַלע האַרציג צע־לאַכט.

זיצענדיג אינמיטען פון אַט דער לוסטיגער קאָמפּאַניע, איז אייב רע־מאָלט געווען נאָר מיט זיך אַליין. ער האָט דאָ אויף אַלעמען געקוקט קרום: „עפּעס איז מיט זיי דער מער." ער איז ניט געווען געוואוינט צו אַזאַ סאָרט קאָמפּאַניע. עפּעס זיינען זיי אַלע ווי פאַרבלאָנדזשעטע מענשען, אָהן אַ באָדען אונטער זייערע פיס. זיי זיינען אויסגעטאָן פון יעדער זאָרג און קיין זאַך גייט זיי ניט אָן. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שרעק: „און עלינאָר איז מיט זיי. ווי קומט זי אַהער? זי איז דאָך אינגאַנצען אַן אַנדערע."

(ווייטערס מאָרגן)

# די טאַנטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראמאן
פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אראבער
•
געשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס"
פון
שלמה בן־ישראל
(נאכדרוק פארבאטען)

(פארטזעצונג)

### באגדאד

ענדע יענע וואך האט סענדער זיך געטראפען מיט דבורה'קען. ער האט זי איינגעלאדען צו עסען סאפער מיט אים, און נאכ'ן סאפער זיינען זיי ארויס פון רעסטאראן און זיך געלאזט גיין שפאצירען לענגאויס דעם ברעג פון ים.

די נאכט איז געווען א קילע. די צייט פון די רעגענס האט זיך שוין דערנענטערט און דאך זיינען נאך די טעג געווען הייס און שטיקענד. די ערד איז געווען פארטריקענט און צושפאלטען, צועפענענדיג טויזענטער דורשטיגע מיילער, וועלכע דער ערווארטעטער רעגען וועט אנפילען.

די נעכט זיינען אבער געווען אנגענעמע; דער ווינט פון ים האט געבראכט מען אניאגען וואלקענס, ווי סטאדעס שעפסען גרייט צום מעלקען. די פארשטויבטע בלעטער פון די ביימער האבען געשמאכט נאך דעם הייסען זומער און דער ווינט האט זיי געפליקט און געיאגט איבער די גאסען. אין די שוי־פענסטער פון די געשעפטען האבען זיך גענומען באווייזען באצייטענס קאלאשען, רעגען־מאנטלען און שירעמס.

סענדער און דבורה'קע האבען שפאצירט אין דער ריכטונג פון צפון, דארט וואו דער עולם איז שיטערער. זיי האבען זיך צוגעזעצט אויף א באנק ביים ברעג פון ים און סענדער האט ארומגענומען דבורה'קעס אקסלען מיט זיין האנט.

— דבורה'קע, איך מוז מיט דיר ריידען — האט ער געזאגט.

— רייד. איך הער.

— איך מוז אוועקפארען קיין חיפה אויף א שטיק צייט — האט ער געזאגט.

— נו, אויב דו מוזט, מוזטו — האט זי געענטפערט.

— איך זע, אז דו נעמסט זיך דער פון ניט צום הארצען — האט סענדער באמערקט מיט ביטערניש.

— און אז איך וועל זיך נעמען צום הארצען וועט עס מיר העלפען? — האט זי געפרעגט.

— איך וועל בענקען נאך דיר...

זי האט גארניט געזאגט, האט צוגעלייגט דעם קאפ צו זיין אקסעל און איר האנט האט געזוכט זיינע אין דער פינצטערניש.

— דבורה'קע...

— יא?

— גארניט, גארניט... — האט ער זיך געאיילט צוצוגעבען.

ער האט שיער ניט ארויסגעזאגט דאס וואס האט אים געמאטערט אזוי לאנג, אבער אין דער לעצטער מינוט האט ער זיך צוריקגעכאפט.

— וואס האסטו געוואלט זאגען? — האט זי געפרעגט.

— גארניט... ס'איז ניט וויכטיג.

— דאך! האסט עפעס געוואלט זאגען און דו האסט חרטה באקומען.

— אן אנדערס מאל, דבורה'קע...

— פארוואס ניט איצט? דו פארסט דאך אוועק און דו ווייסט ניט אויף ווי לאנג...

„אפשר איז זי גערעכט? פארוואס טאקע ניט איצט?" — האט ער געטראכט. די אלטע שרעק האט אבער באקומען די אויבערהאנט. און טאמער וועט זי זאגען „ניין"? ער וועט דאך דאן ניט האבען קיין רואיגע מינוט... אויב ווידער זי וועט זאגען „יא", איז עס אויך ניט גוט אצינד. ווער ווייסט צי ער וועט צוריקקומען א לעבעדיגער פון דארט... ניין! בעסער עס לאזען גיין ווי עס גייט...

זי האט דערפילט, אז ער געפינט זיך אין א געדריקטער שטימונג און האט זיך אנגעשטעקט דערמיט פון אים. צוערשט האט זי געוואלט ארויסבאקומען פון אים וואס ער האט געוואלט זאגען און עס מאטערט אים. ווען דאס איז איר ניט געלונגען, איז זי געבליבען זיצען א פארטרויערטע.

ער האט איר איינמאל געהאט געזאגט, אז זי זאל קיינמאל ניט צושטיין צו אים מיט קיין פראגעס, ווען ער וויל איר עפעס ניט זאגען. זייענדיג א דעטעקטיוו מוז ער אפטמאל אזוי האנדלען און זי דארף זיך ניט פילען באליידיגט דערפון.

זי האט עס שטענדיג געדענקט און האט זיך באמיט אים צו פאלגען. עס פלעגט אבער אלעמאל צושטערען די הארמאנישע שטימונג וואס פלעגט הערשען צווישען זיי.

אויך יענעם אווענט איז אזוי געשען. דער געשפרעך האט זיך ניט געקלעפט ביי זיי און א שטילער טרויער האט זיך פארגאנווערט אין זייערע הערצער. זיי האבען זיך ענדליך געלאזט גיין אהיים. ער האט זי באגלייט ביז צום הויז און האט איר א קוש־געטאן.

זי האט איהם קוים בארירט מיט די ליפען.

— דבורה'קע, מיר'ן זיך ניט זען א לאנגע צייט — האט ער א שעפטשע געטאן מיט א טרויעריגען געבעט.

זי האט אים ארומגענומען מיט ביידע ארעמס און א קיש־געטאן. זי האט עס געטאן, ווייל ער האט עס געבעטען, אבער נארען אים האט זי ניט געקענט. עס איז ניט געווען דער סארט „גוד־באי" וואס ער האט געגארט.

עס איז געווען א טרויעריגע צושיידונג. יענע נאכט איז סענדער שלעכט געשלאפען און האט ניט פארדעכטיגט, אז דבורה'קע ליגט מיט א פארגראבענעם געזיכט און באנעצט איר קישען מיט ביטערע טרערען.

אויך פאר סעדיה'ן איז עס געווען א טרויעריגע נאכט. זיין עכסה האט ניט פארדעכטיגט וואוהין סעדיה קלייבט זיך צו גיין צומארגענס. זי פלעגט אים קיינמאל ניט פרעגען, ווארים זי האט געוואוסט, אז ער וועט עס ניט אויסזאגען.

סעדיה האט אבער געוואוסט, אז עס קען זייער מעגליך זיין, אז ער זעט זיין פרוי און קינד צום לעצטען מאל. דאריבער איז זיין הארץ געווען שווער, כאטש ער האט זיך באמיט עס צו באהאלטען פון זיינע ליבע.

אויך ירמיהו איז געווען באזארגט. די שווערע פאראנטווארטליכע אויפגאבע איז הויפטזעכליך געפאלען אויף זיינע פלייצעס. דאס איז געווען פיל שווערער צו טראגען ווי דעם געדאנק פון מעגליכען טויט...

ער איז יענעם אווענט צוגעפארען קיין פתח־תקוה, וואו עס האט געוואוינט זיין שוועסטער. ער האט דארט געגעסען סאפער מיט זיין שוועסטער'ס מאן און קינדער, און האט פארבראכט דארט דעם גאנצען אווענט, אומקערענדיג זיך קיין תל־אביב ארום עלף ביינאכט.

ער האט זיין שוועסטער גארניט דערציילט פון אוועקפארען. ער האט איר נאר א קוש־געטאן ביים געזעגענען זיך, א זאך וואס ער פלעגט זעלטען טאן.

זיבען אינדערפרי איז שוין סעדיה געווען אין הויז און האט געגעסען ברעקפעסט צוזאמען מיט ירמיהו'ן און סענדער'ן. באלד נאך אים איז אויך געקומען רחל צו דער ארבייט.

— נו, ווי האסטו פארבראכט דיין וואך וואקעישאן? — האט ירמיהו געפרעגט ביי איר.

— גאנץ גוט. אט איז דער רעזולטאט פון דער וואך. — האט זי אנגעוויזען אויפ'ן קליידעל וואס זי האט געטראגען.

נאך ברעקפעסט האט ירמיהו איינגעלאדען רחל'ען צו זיך אין צימער. סעדיה און סענדער זיינען געווען דערביי ווען ער האט געזאגט צו איר:

— רחל, מיר קלייבען זיך היינט אוועקפארען אויף א שטיקעל צייט אין צוזאמענהאנג מיט א „דזשאב"... איך ווייס ניט ווי לאנג דאס וועט אונז נעמען.

רחל האט ארומגעפירט איר בליק פון איין יונג צום צווייטען. זי האט גארניט געזאגט. קענענדיג זיי האט זי געוואוסט, אז פרעגען קיין פראגען דארף מען ניט. זי האט נאך פון פריער ביים אריינקומען באמערקט, אז אלע דריי יונגען האבען אין פארלויף פון דער פארגאנגענער וואך זיך געלאזט וואקסען וואנצעס און זי האט זיך אנגעשטויסען, אז „עפעס גרייט זיך"...

— מיר ווילען, אז דו זאלסט יעדען טאג קומען אהערצו און פארברענגען דא דעם טאג — האט ירמיהו פארטגעזעצט. — דו וועסט דארפען אכטונג געבען אויף „גבור'ן" די גאנצע צייט ביז מיר וועלען זיך אומקערען. אויב עמיצער וועט קומען אדער אפרופען איפ'ן טעלעפאן זאלסטו זאגען, אז מיר זיינען אין חיפה און דארפען אהיימקומען א ליאדע טאג.

— איך פארשטיי! — האט רחל צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

ירמיהו האט אויפגעעפענט א שופלאר און ארויסגענומען א קאנווערט.

(ווייטערס מארגן)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אייב האט געפיהלט ווי עס שטיקט אים ארום האלז פון ערגערניש: וואס האט עלינאר געפונען אזוינס אין דעם סאני'ן, וואס זי איז אזוי צוגעקאכט געווארען צו אים? און אים, אייבי'ן, דערקענט זי גארניט. זי האט אינגאנצען אן אים פארגעסען.

עס איז שוין געווארען שפעט נאך האלבער נאכט און קיינער האט נאך, ווייזט אויס, גארניט געטראכט פון גיין אהיים. פאר אים, אייבי'ן, וואלט שוין לאנג צייט געווען צו גיין. ער האט ארבייט איבער'ן קאפ און ער ווייסט ניט ווען ער וועט דאס אניאגען. ער וועט אבער ניט צוגיין צו עלינאר'ן און וועט ניט דערמאנען איר וועגען זיך. ער וויל אומישנע זען אויף ווי ווייט זי רעכענט זיך מיט אים.

נאר אט איז עלינאר ענדליך אליין צו אים צוגעגאנגען. א פארפלאמטע, א לוסטיגע:

— דו ווילסט שוין גיין אהיים, אייב? איז גוט. מיר קענען גיין.

— און דו? — האט ער איר א פרעג געטאן א פארדראסיגער, א קאלטער.

נאר עלינאר האט מסתמא ניט באמערקט ניט זיין שטרייגגען בליק און ניט זיין קאלטען ענטפער. עס איז איר איצט צו־גוט געווען, אינגאנצען נאך דורכגענומען מיט דעם ווארימען געפיהל פון דעם וואונדערליך־פארבראכטען אווענט.

פארענדיג דערנאך אהיים האבען זיי כמעט ווי געשוויגען. עלינאר איז שוין געווען זעהר מיד און האלב־שלעפריג. אייב האט נאך אלץ ניט געקענט זיך באפרייען פון דער געדריקטער שטימונג, וואס האט אים גענומען דעם גאנצען אווענט.

„איט'ס נא יוז," האט ער איצט געטראכט וועגען עלינאר'ן אן אומעטיגער און א פארביטערטער. זי איז פארבלענדט. און אויב ער זאל דאס איר פרואווען דערווייזען, וועט ער נאך ערגער מאכען. זי וועט ניט פארשטיין, זי זעהט איצט קיינעם ניט אויסער סאני'ן.

און וועגען זיך האט ער געטראכט, אז ער וועט מיט איר מער אהין אין סטודיא ניט גיין. זאל זיך עלינאר טאן וואס זי וויל.

### קאפיטעל דריי־און־פערציג

אייב האט אויך געקענט זיין גענוג איינגעשפארט. ער האט געזאגט צו עלינאר'ן, אז מער וועט ער מיט איר ניט גיין צו סאני'ן אין סטודיא, און ביי דעם איז ער געבליבען. כאטש עלינאר האט אים שוין א פאר מאל געבעטען, האט עס ניט געהאלפען.

„איז ניט." איז זי שוין געווארען אויף אים אין כעס. „זאל ער ניט גיין, וועט ניט זיין ווער עס זאל דארט זיצען אנגעבלאזען און קוקען קרום אויף אלעמען און משפט'ן א י ר."

איז זי געגאנגען אהין אליין. אהן אייבי'ן... דאך, אז זי איז אין איינעם אן אווענט אוועק, איז איר דאס הארץ ניט געווען אין גאנצען רוהיג... עפעס טוט זי דא ניט גוט... נאר זייענדיג שוין אין סטודיא, האט זי אן איר אומרו באלד פארגעסען. סאני איז איר אנטקעגען געקומען מיט אויסגעשטרעקטע הענט, שטארק צופרידען, וואס זי איז היינט געקומען אליין.

— וואס האט פאסירט, עלינאר? וואו איז „די אלד מען אייב"? — האט ער איר א פרעג געטאן א לוסטיגער, א פרייליכער און זיי ביידע האבען דערפון געלאכט.

יעדער מאל, וואס עלינאר איז אהער געקומען, האט זי דא געטראפען א סך פון סאני'ס און טעדי'ס פריינט, וואס זי האט שוין געקענט פון פריער, און אויך נייע. די סטודיא האט צוגעצויגען מענשען. אויך די מיידעל שארלאט האט זי דא יעדען מאל באגעגענט. צוויי זיינען זיי געווען, עלינאר און שארלאט, וואס זיי ביידע האבען זיך דא אויסגעצייכענט מער פון דעם גאנצען „באנטש" מיידלעך. און זיי ביידע האבען כסדר צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די בחורים.

זיי זיינען ביידע געווען אזוי פארשיידען. די קליינע שארלאט, מיט איר אינגעליש־געשוירענעם קעפעל, שטענדיג אנגעטאן אין „סלעקס" און א דינעם, העלען סוועטערל, וואס האט אפגעצייכענט אירע קליינע, מיידעלשע ברוסטען, א געבלימטען טיכעלע ארום האלז, ווי א ספארט־מיידעל... זי איז געווען זייער א באוועגליכע, א קוועקזילבער, און זי האט ארומגעפלאטערט איבער דער סטודיא ווי א שמעטערלינג. און יעדען פון די בחורים האט זי פארטשעפעט מיט א פרייליכען ווארט אדער מיט א בליק. אירע געלגרינע אויגען האבען כסדר געביטען זייער אויסדרוק... זיי זיינען געווען דא קינדיש־אומשולדיג, און דא שעלמיש, באוואוסטזיניג.

מען האט זיך געקענט וואונדערען, וואס אזוי פיל לוסט צום לעבען זאל זיך קענען אויפהאלטען אין אזא קליינעם, דינעם קערפערל... אירע באוועגונגען זיינען געווען אימפעטיגע, נערוועזע... אן אמת'ע קינד פון דער גרויסער שטאט.

— דו זעהסט אויס ווי א שיינער אינגעל, שארלאט... — האט אימיצער פון די בחורים איר געגעבען א קאמפלימענט, קוקענדיג אויף איר געשארענעם קעפל און די „סלעקס".

— א, דאס האבען מיר שוין אנדערע א סך מאל געזאגט... ס'איז ניט אינטערעסאנט... — האט זי דעם בחור באלד צוריקגעענטפערט. — פון דיר וויל איך שוין הערען עפעס נייעס.

אירע ענטפערס זיינען אלע מאל געווען גיך און שארף און געוואגט. און זי איז קיינמאל קיינעם ניט שולדיג געבליבען קיין ענטפער. זי האט אויסגעגלענצט ביי די בחורים מיט איר לוסטיגקייט, מיט איר גראבליכער, אביסעל הייזעריגער שטימע; איר שעלמישען שמייכעל, און מיט דעם אופן ווי זי האט געקענט ריידען גרינג, שפילעוודיג און אויבענאויפיג.

עלינאר ווידער האט אויסגענומען ביי אלעמען מיט גאר אנדערע אייגענשאפטען. זי איז געווען שטילער, מער צוריקגעהאלטען... איר אנטאן איז אלעמאל געווען נעט און מיט א סך געשמאק. אויב עלינאר האט אמאל געהאט אין זיך א סך שטיפערישקייט און טראציגקייט, האט זיך דאס איצט אויף איר ווייניג אנגעזען. זי איז אין יענע טעג ארומגעגאנגען ווי אין חלום, א צוגעשטילטע... ווייל אלץ ארום איר, די סטודיא, די נייע מענשען, און סאני אליין האבען אויף איר צו שטארק געווירקט און זי איז ארומגעגאנגען פול מיט נייע איינדרוקען.

אז זי איז געקומען צו גיין אין סטודיא האט זי זיך וועקגעזעצט אויף א ספעקעלע, מיט אירע געטאקטע פיס פארלייגט איינעם אויפ'ן אנדערען. זי איז גערן געווען צו הערען פון וואס די מענשען האבען דא גערעדט; זעהן ווי זיי פארברענגען. זי האט פאררויכערט א פאפיראס און פאמעלער געבלאזען דעם רויך אויף ארויף. אירע טונקעלע אויגען פארשאטענט דורך די לאנגע וויהעס. עפעס סודות'דיגעס איז דעמאלט געווען אין איר גאנצער פערזאן.

די קליינע שארלאט האט דעמאלט געמאכט זיך ווי זי באמערקט גארניט עלינאר'ן. און אז זייערע בליקען האבען זיך באגעגענט, האט שארלאט צו עלינאר'ן קאלט א שמייכעל געטאן, ווי זי וואלט וועלען איר ווייזען אז עלינאר האט ביי איר א קנאפען ווערט. און זעלטען ווען די ביידע מיידלעך האבען צווישען זיך ארויסגערעדט א ווארט. נאר עלינאר'ן האט ניט געארט יענער'ס קאלטקייט... זי אליין האט געהאט אין זיך א געפיל, אז זי איז מיט עפעס העכער פון שארלאט'ן. זי האט זיך ניט געוואלט אפילו פארגלייכען צו איר.

זי, עלינאר, האט איצט געהאט דעם גליקליכען געפיל, אז זי ווערט געליבט פון סאני'ן און קיין שום אנדערע מיידלעך אינטערעסירען אים ניט. אין וועלכען ווינקעל פון סטודיא ער זאל זיך ניט געפינען און מיט וועמען ער זאל ניט זיין פארוויקעלט אין א שמועס, האבען אלץ זיינע בליקען זיך אומגעקערט צו איר, און זי האט אים געענטפערט מיט דאס זעלבע... און עס איז געווען ווי אומגעזעהענע פעדים וואלטען זיך געצויגען צווישען אים און איר.

אמאל, אין א שטילער מינוט אין דער סטודיא, ווען אלע האבען שווייגענדיג זיך צוגעהערט צו א גוטער שטיק מוזיק אויף דער ראדיא, איז עלינאר געזעסען אויפ'ן דיוואן און סאני האט זיך וועקגעזעצט לעבען אירע פיס נידעריג אויפ'ן טעפיך. זיין שיינער־קאפ איז געווען אנגעשפארט אן אירע קני, און א פארשטילטער האט ער געריכערט זיין לולקע. עס איז געווען א וואונדערליך בילד אנצוקוקען עס. עלינאר האט מיט דער האנט א שאר געטאן איבער זיינע האר... זי האט זיך דעמאלט געפילט שטאלץ ווי א קעניגין... נאר אין אירע חלומות האט זי אזוינס געקענט זיך אמאל פארשטעלען.

(ווייטערס מארגן)

# קרובים געזוכט

קלידער אדער קליגער, איסא און בייליע, שטאמען פון ביאלא פאלאסקא, געוואוינט אין שיקאגא, האבען צוויי זיהן: געצעל און דוד, און א טאכטער לאה.

אויך ווינעגראד, ביינ'יש, שטאמט פון ביאלא־פאדלאסקא, שפילט קלארינעט, אין ברוקלין, אדער אין וואשינגטאן, געהאט אין טאכטער גאלדע. פרוי'ס נאמען: באשע לאה. געזוכט פון זייער קרובה אין בראזיל.

איר אדרעס איז:

Macha Rubinstein
Rua Zanzibar 193 (Casa Verde)
Sao Paulo, Brazil

קופערשמידט רבקה, אין די סטעיטס, הייסט איצט אפעלבוים, געזוכט פון איר ברודער עליע קופערשמידט, שטאמט פון אלעקסאנדריע, ביי ראווגע, איצט אין א לאגער אין ישראל. ווער עס ווייסט עפעס וועגען דער פאמיליע, ווערט געבעטען צו מעלדען אויף דעם אדרעס:

Mrs. Y. Newman, 405 Vernon Blvd.
Long Island City, N. Y.

העלען פראגער, מיידעלשער נאמען שטיינהארדט, פרוי פון היימאן פראגער פון דוקלי, גאליציע, ווערט געזוכט פון איר שוועסטער'ס טאכטער מאטילדא שטראנג, מיידעלשער נאמען בערגער, די טאכטער פון שלמה און טויבע בערגער פון קאמארנע ביי לעמבערג.

דער אדרעס איז:
מאטילדא שטראנג, רעננה,
רחוב יהושע, ישראל.

ספעקטאר בעני (בנימין), אין די סטעיטס, מוטער'ס נאמען עטעל די בעקערין, פון זשמערינקע, רוסלאנד, האט א ברודער אין פילאדעלפיע, משה, פון פאך א שניידער, געזוכט פון זיין קרובה אסתר פאקס, טאכטער פון חיה שרה, מעלדען צו:

Mrs. E. Fox, 529 Dickinson Ave.
Philadelphia, Pa.

גירטעך אסתר רייזעל, רבקה לאה און אשר, אין 1946 געוואוינט אין וועסט 175טער סטריט, ניו יארק. ישראל זשורנעוואר'ס קינדער פון דובנע, געזוכט פון זייער ברודער משה'ס 2 זיהן. מע'דען אויף דעם אדרעס:

Nathan Tabak, 1538 N. Payson St.
Baltimore 17, Md.

קליג (אדער קלוג) מלכה, אין די סטעיטס, שטאמט פון פאיעמינקע, ראקישקער קרייז, ליטע, פאטער'ס נאמען איציק, געזוכט פון קרובים. מעלדען אויף דעם אדרעס:

Jacob M. Steinberg
2769 Matthews Ave.
Bronx 67, N. Y. Phone: OL 4-8743

דאנציג יצחק, ניו יארק, שטאמט פון אוכאן, געזוכט פון זיין קרוב רובין אייזען פון אוכאן, ניט לאנג אין לאנד.

אייזען דוד, אין די סטעיטס, שטאמט פון טערקע, בעלזשער געגענט, פאטער'ס נאמען צלאל, געזוכט פון זיין פלימעניק רובין אייזען, זוהן פון זיין ברודער לייב פון אוכאן, לובלינער געגענט, ניט לאנג אין לאנד. ווע־גען די איבערגעבליבענע מעלדען אויף זיין אדרעס:

R. Eisen c/o Factor
737 Fox St., Bronx, N. Y.





# אידען אין דייטשלאַנד וואָס הייראַטען מיט דייטשע פרויען

(שלום פון פעדזש 2)

בחורים, וואלטען זיך טאקע נעהאט פארנומען מיט ראטעווען אידען, וואלט די שארית הפליטה אונזערע געווען א סך גרעסער, ווי זי איז...

אבער אז מען האט דעם בחור גענומען פאנאנדערפרעגען, האט זיך ארויסגעוויזען, אז אין די מלחמה־יארען איז ע ר געווען אין ווייטען רוסלאנד און זי — אין מינכען. פיר טויזענט מייל ווייטער. זי האט אים, הייסט עס, געראטעוועט פון דערוויי־טענס...

און נאך איז מען פון אים געוואויר געווארען, אז זי וויל אוועקפארען, ווייל זי שעמט זיך פאר די דייטשען, דערפאר וואס זי וואוינט מיט א אידישען מאן. ווייל ער אז דאס פאלק ישראל זאל אים מיט זיין דייטש ווייב און דייטש קינד אריבערפירען קיין אמעריקע...

אנדערע צוויי אידען האבען געהאט נאך א ערגערען אפשניט: אין דער לעצטער מינוט, ווען זיי זיינען שוין געווען גרייט צו פארען קיין אמעריקע, האט די אמעריקאנער מאכט ביי זיי צ ו ר י ק ג ע נ ו מ ע ן די וויזעס דערפאר, ווייל אן אויספארשונג האט פעסטגעשטעלט, אז די פרויען פון די צוויי אידען זיינען געווען נישט נאר מיטגלידער פון דער נאצי־פארטיי, נאר אז זיי האבען אויך פארנומען אמטען אין די דייטשע קאנצענטראציע־לאגערן...

אבער אמפיקאנטסטען איז די געשיכטע פון א דייטש־אידישען שידוך, וועלכער איז אין דער לעצטער מינוט צעשטערט געווארען:

א אידישער בחור האט זיך פארליבט אין א דייטשקע. פארשטייט זיך, אז אויך זי האט אים געענטפערט מיט דער זעלבער „וואהרער ליבע". ער, האט זי אים פארזיכערט, איז דער ערשטער מאן, וואס האט אויפגעוועקט איר מיידעלש הארץ. ס'איז געגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבען באשלאסען חתונה צו האבען.

אין א זונטאג פאר דער חתונה האט דער בחור באשלאסען צו באזוכען זיין כלה'ס עלטערן. זי איז גראד אין דער היים נישט געווען. איר פאטער האט שוין געוואוסט, אז זיין טאכטער קלייבט זיך חתונה צו האבען מיט „אן אויסלענדער", עס הייסט, מיט אזא איינעם, וואס מען קען פון אים באקומען אמעריקאנער ציגארעטען, קאפע און אנדערע אנגעלייגטע זאכען. אז דער אויסלענדער איז א איד — דאס האט זי נישט געזאגט און דעם איז אויך דעם טאטען נישט איינגעפאלען. האט ער טאקע אדיפגענומען גאר פריינדליך זיין צוקונפטיגען איידעם. ער האט אים מכבד געווען מיט קאפע און קוכען און ביים טיש אים דערציילט, וואס פאר אן אוצר ער קריגט:

זאל ער נישט מיינען, אז זי איז עפעס אבי־ווער — זי איז דאך געווען א ווייב פון אן אבער־שטורם־פירער פון ס. ס.!... ער האט אין קריגס־צייט געדינט אין קראקע. פון דארט האט ער איר צוגעשיקט די שענסטע מתנות: צירונג, פוטערס און שטיקערייען... א פארמעגען איז דאס ווערט. נאכ'ן קריג איז דער מאן צוריקגעקומען, האט איינגעפאקט די אלע ווערט־זאכען און געוואלט אנטלויפען קיין אויסלאנד. איז זי דאך א כוואט א ווייבעל, האט זי אים גוט אנגעבראכען די ביינער און געלאזט אים ארעסטירען. איצט זיצט ער אין א לאגער פאר קריגס־פארברעכער. זי האט פון אים ארויסגעקראגען א גט און איצט איז זי פריי.

איז דער אידישער בחור געזעסען און געהערט, ווי זיין צוקונפטיגער שווער לויבט פאר אים זיין כלה, און פאר די אויגען האבען גענומען טאנצען שווארצע פינטעלעך: ק ר א ק ע... ק ר א ק ע ... ער איז דאך אליין פון קראקע. זיין מאמע איז דאך דארט אומגעקומען... און אפשר איז איינער פון די פוטערס און איינע פון די געשטיקטע טישטעכלעך זיין מאמעס? און ווער ווייסט צי זיין צוקונפטיגע ווייב האט נישט אויך זיין מאמעס קידושין־רינגעל?...

איר שטויסט זיך דאך שוין אן, אז פון שידוך איז גארנישט געווארען. נישט באשערט געווען אידיש האב און גוטס פון קראקע זאל צוריק אריינפאלען אין די הענט פון א קראקעווער אידען...

* * *

פארשטייט זיך, אז די גרעסטע מערהייט פון די אידען אין דייטשלאנד זיינען ווייט פון די דאזיגע „ראמאנסען", פונקט ווי די גרעסטע מערהייט פון די אמעריקאנער זיינען ווייט פון די לינטשערייען פון נעגערס. אבער אויך די געציילטע לינטש־פאלען זיינען א חרפה, וועלכע מען דארף אויפדעקען און שטעמפלען. אויב בלויז איין לינטש־פאל א יאר איז נאך אלץ מיט איינעם צופיל...

# האַלט אייער היים ריין און כשר

אונזערע אלטע חכמים האבען פארשטאנען און געלערנט מיט דער וועלט, אז כשרות און ריינקייט גייען האנט אין האנט. עס איז שוין אן אנגענומענער כלל, אז א כשר'ע היים איז זיכער אויך א ריינע היים. אידישע באלעבאטעס, וועלכע פארשטייען די קלוגשאפט פון אונזערע כשרות געזעצען, ווייסען אויך, אז מען קען איצט א סך גרינגער מאכען די ריינינגונג ארבייט אין דער היים מיט אזא וואונדערבארען פראדוקט ווי כשר און פארעווע עירזשעקס.

כשר און פארעווע עירזשעקס איז דער מארערנסטער רייניגער, וועלכער האט אין זיך א „שוימונג ווירקונג" וואס שווענקט ממש אוועק דעם שמוץ. עירזשעקס איז דער רייניגער, וועלכער איז גוט פאר דער גאנצער הויז — פאר די כלים אין קיך, פאר דעם געהילץ אין די אנדערע צימערען און פאר די טאילס, וואנע, און אזוי ווייטער, אין דער באטהרום.

קריגט עירזשעקס היינט ביי אייער גראסער, און מאכט אייער היים יום־טוב'דיג שעהן און ריין אויף דעם גרינגסטען און מארערנסטען וועג — אויף דעם כשר און פארעווע עירזשעקס וועג!

# נייעס — טעאַטער — מוזיק — נאָטיצן

## דער אינטערעס וואָס די נייעס וועגן באַשעוויס'עס „פאַמיליע מושקאַט" האָט אַרויסגערופן אומעטום

מיט דעם דראַמאַטיזירטען ראָמאַן וועט דער פּאַרקווײ טעאַטער עפענען דעם נייעם סעזאָן. — וואָס י. באַשעוויס האָט צו זאָגען וועגען דעם. — גאָלדבערג און דזשייקאָבס פאַרמעסטען זיך אויף גאָר אַ גרויסער און קינסטלערישער אויפפירונג. — די טרופּע.

פון ה. ע.

מערקווירדיג ווי איין שטיקעל נייעס קאָן אַמאָל אומענדערן אַ סיטואַציע, באַלייכטען דאָרט וואו ס'איז אַט ערשט פינסטער געווען, אַריינברענגען ערוואַרטונג וואו ס'איז געווען אַפּאַטיע און גלייכגילטיגקייט.

מיר זאָגען עס אַקעגען דער מעלדונג, וואָס איז לעצטען דינסטאָג ערשינען אין „פאָרווערטס", אַז נייטען גאָלדבערג און דזשייקאָב דזשייקאָבס וועלען אָנהויבען זייער נייעם סעזאָן מיט י. באַשעוויס'עס דראַמאַטיזאַציע פון זיין בארימטען ראָמאַן „די פאַמיליע מושקאַט". די נייעס האָט מיט אַמאָל אויפגעלעבט און אויפגעלייכטען דעם אינטערעס אין דעם קומענדיגען טעאַטער סעזאָן. דער דאָזיגער אויפ־



י. באַשעוויס

זייער טעאַטער אַ קינסטלערישע אויפפירונג. זיי זוכען איצט צו אַנגאַזשירען גוטע אַקטיאָרען, ניט סתם נעמען, נאָר קינסטלער מיט דראַמאַטישען פאַרנעם. צוזאַמען וועלען מיר אויסאַרבייטען, באַשאַפען אַן אויפפירונג וואָס דער אידישער טעאַטער, האָף איך, וועט קאָנען שטאָלצירען מיט דעם".

די טעג וועט דער פּאַרקווײ טעאַטער קענען מעלדען די נעמען פון דער טרופּע פאַר'ן קומענדען סעזאָן. די דירעקטאָרען זיינע זאָגען־צו „שוין איינמאָל אַ טרופּע!"

דערווייל האָט די בשורה, אַז „די פאַמיליע מושקאַט" וועט ענדליך מאַכען איר „דעביו" אויף דער אידישער בינע, געמאַכט אַ שטאַרקען און אַ דערפרעהענדען רושם אין רייען פון אידישע טעאַטער מענשען. דער ראָמאַן ווערט שוין פאַר די לעצטע פאַר יאָר גע־

שפּילט אויף דער ראַדיאָ סטאַנציע WEVD אַלס טייל פון דער „פאָרווערטס"־שטונדע פּראָגראַם. ווען ער האָט זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס", איז ער געווען איינער פון די ערפאָלגרייכסטע ליטעראַרישע ראָמאַנען — און זייער צאָל איז נאָר אַ גרויסע — וואָס זיינען ווען ערשינען אין אונזער צייטונג. ס'איז ניט צו וואונדערן זיך דעריבער וואָס די נייעס האָט אַרויסגערופען אַזאַ אינטערעס — אַזוי פיל ערוואַרטונג און פרייד — אין דער אידיש־רעדענדיגער וועלט.

קומענדער סעזאָן וועט פאַרט זיין אַ קאָלירפולער, אַ פאַרשידענאַרטיגער. פאַראַן אויף וואָס צו וואַרטען פאַר דעם וואָס האָט ליב גוטען טעאַטער. ס'קומט באַשעוויס'ען און די דירעקטאָרען פון פּאַרקווײ טעאַטער אַ גרויסען לויב און אונזער אַלעמען'ס אונטערשטיצונג.

### דינסטאָג פּראָבעס אין דער אַקטיאָרען יוניאָן

קומענדען דינסטאָג, 2 אַזייגער בייטאָג, וועלען פאָרקומען פּראָבעס פאַר נייע קאַנדידאַטען אין דער אידישער אַקטיאָרען יוניאָן. אַזוי ווי ס'ווערט ערוואַרטעט אַ גרויסער עולם, וועלען די פּראָבעס דורכגעפירט ווערען אין סענטראַל פּלאַזאַ, 111—צווייטע עוועניו.

פאָלגענדע קאַנדידאַטען וועלען זיך שטעלען צום עקזאַמען:

צפּורה פיינזילבער, זיישאַ גאָלד, נאָרבערט האָראָוויץ, ריטאַ קאַרפּינאָוויטש, איזי זינגער, מאָלי לודנער, רוזשע בעקער.

אַלע מיטגלידער פון דער יוניאָן ווערען אויפגעפאָדערט צו קומען צו דער פּראָבע, די לעצטע דעם סעזאָן.

# טעאַטער נייעס

### נייע אַנגאַזשמאַס

לעאַ פוקס און עדמונד זאַיענדאַ לאָזען וויסען, אַז זיי האָבען אַנגאַזשירט לוסי גערמאַן פאַר זייער פּאַבליק טעאַטער פאַר'ן קומענדען סעזאָן.

* * *

אירווינג דזשייקאָבסאָן האָט אַנגאַזשירט דעם בוף־קאָמיקער דעיוו לובריצקי פאַר'ן סעקאָנד עוועניו טעאַטער.

### מאָרגען עהרען־אָוונט פאַר ישראל ראָזענבערג אין דעם נעשאַנאַל טעאַטער

מאָרגען וועט אין נעשאַנאַל טעאַטער פאָרקומען אַן ערען־אָוונט פאַר דעם דירעקטאָר פון טעאַטער, ישראל ראָזענבערג. אַ גרויסע צאָל שוישפּילער וועלען אויפטרעטען אין אַ ספּעציעלער רעוויו. ישראל ראָזענבערג איז אויך אַ דראַמאַטורג און אַ שוישפּילער. אַ סך פון זיינע פּיעסען זיינען געווען אַ גרויסער ערפאָלג אויף דער בינע.

ס'וועט געשפּילט ווערען אַ רעווי, „האָט מיר און זייט מיר", מיט דער באַטייליגונג פון דזשוליוס אַדלער, יצחק אינוועגטאַרוש, מיכאַל גיבסאָן, נייטען גאָלדבערג, בעסי דזשייקאָבס, ...

# וואָס פּלאַנט מאָריס שוואַרץ צו טאָן?

דער טור פון זיין טרופּע אין דער ווייטער וועסט איז ניט געווען ערפאָלגרייך. — ער האָט דאָרט געשפּילט „שיילאָק און זיין טאָכטער", „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" און „ריווערסייד דרייוו". —

קאָרעספּאָנדענץ פון לאָס אַנדזשעלעס
פון י. לעוויט

אין „פאָרווערטס" פון פרייטאָג, דעם 19טען מאַי, „אין און אַרום דער אידישער טעאַטער וועלט", באַקלאָגט זיך דער שרייבער:

„שוין באַלד עטליכע וואָכען ווי מיר האָבען ניט געהערט פון מאָריס שוואַרצ'ן און די שוישפּילער מיט וועלכע ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער אַמעריקע..."

נאָכדעם דערציילט דער שרייבער, אַז מאָריס שוואַרץ געפינט זיך אין סיטי — אויף אידיש און אויף ענגליש — די פּאָסטערס און אַנדערע פאָרמען פון רעקלאַמע. מיט אַ וואָך שפּעטער איז געקומען עדווין רעלקין און אַ גאַנצע וואָך פאַר דער פּרעמיערע איז אַנגעפלויגען מאָריס שוואַרץ.

גרויסע סומעס געלט זיינען אויסגעגעבען געוואָרען. קיין זאַך איז, דאַכט זיך, ניט אויסגעלאָזען געוואָרען צו פאַרזיכערען אַ מאַטעריעלען סוקסעס. אָבער...

## דער מפּ"ם און די הינע לינקע פּועלי ציון

(שלום פון ערעטאָריעל פּעידוש)

לינקע פּועלי ציון אין ניו יאָרק, וועלכע האַלטען פאַר זיי אַליין נאָר באַקאַנטע סיבות פאַר נויטיג צו לייקענען, אַז מפּ"ם איז פּרינציפּיעל אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי און איז גרייט, ווען, חלילה וחס, די מאַכט זאָל אַריינפאַלען אין אירע הענט, גיין טריט ביי טריט אין די וועגען פון סטאַליניזם. און דאָס מיינט: טעראָר, דיקטאַטור און טאָטאַליטאַריזם.

„ס'האָט געזונט די קאָמוניסטישע תורה און די קאָמוניסטישע טאַט". און דאָס ווערט דערקלערט פאַר אַ גליק פאַר די לענדער, וואו דאָס האָט שוין געטראָפען. טאָ פאַרוואָס זאָל אויך ישראל ניט באַגליקט ווערען מיט דער זעלבער „תורה" מיט דער זעלבער „טאַט"?

מיר ווייסען זייער גוט, אַז אין מפּ"ם זיינען פאַראַן דער „השומר הצעיר" און די „אחדות העבודה", וועלכע זיינען אויסגעוואַקסען אויף פּראַקטישער, שעפערישער ציוניסטישער טעטיגקייט, און מיר גלויבען אין די געזונטע נאַציאָנאַלע געפילען און ציוניסטישע שטרעבונגען פון די דאָזיגע מאַסען, וועלכע וועלען ניט לאָזען די פירער זיי פאַרפירען. אונזער האָפענונג איז געבויט אויף פאַקטען. מען שרייבט און מען שרייט, אַז בן גוריון האָט פאַרקויפט דאָס לאַנד ישראל צו אַמעריקע מיט נעמען די הלואה פון די 100 מיליאָן דאָלער. אָבער אַז ס'איז געקומען צו שטימען, האָבען די מפּ"ם־דעפּוטאַטען מורא געהאַט צו שטימען געגען און זיי האָבען זיך אָפּגעהאַלטען. נאָך מער: די מפּ"ם־קאָלאָניעס פאָדערען אַ גלייכען חלק אין די „טריפה" אַמעריקאַנער טראַקטאָרען מיט בן גוריון'ס חברים. קלאָר, אַז ציוניזם און קאָמוניזם קלעפּען זיך זייער שלעכט צוזאַמען. די מפּ"ם־פּאַרטיי פילט זיך מסתמא זייער גוט אין דער רעדאַקציע...

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עס זיינען אפילו ביי עלינאָר'ן דעמאָלט אויך געווען מינוטען ווען איר איז באַפאַלען אַ צווייפעל וועגען סאַני'ן... צי האָט ער ניט ליב געהאַט נאָר איפּיצען פון די מיידלעך, וואָס זיינען געקומען אין סטודיאָ. אפשר...

וואַכען פאַרגעבען... ער מוז זיך קענען מיט אַ סך מענשען... דאָס פאַרערט זיין שרייבען, אַז ער זאָל דערנאָך קענען נוצען פאַר מאַטעריאַל צו זיין בוך.

קיינעם האָט סאַני ניט פאַרטרויט וועגען זיין בוך. וואָס ער קלייבט זיך צו שרייבען, ווי נאָר איר... ער האָט

זי האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט און גענומען זיך איילען צו גיין אַהיים. סאַני איז באַלד צו איר צוגעגאַנגען:

— דו דאַרפסט שוין גיין אַהיים, עלינאָר?

— יע. איך וויל היינט אַוועקגיין.

— האָט זי אים געזאָגט.

...





# זייער צווייטער פרילינג

ראמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקא און פוילען — ספּעציעל געשריבען פאר'ן „פאָרווערטס" — פון ראָוז שושנה

(פאָרטזעצונג)

## מלחמה־קינדער האָבען מער געהאוסט ווי דערוואַקסענע

„ברען" האָט איצט פון זיין באַהעלטעניש געזען ווי עס אנטלויפען די דייטשען. ער האָט געזען ווי זיי לויפען; ער האָט געזען ווי מאַנכע באַהאַלטען זיך אין די הייזער.

זיין קליין הערצעלע האָט געציטערט, געפלאַטערט, אבער ווען ער האָט דער־זעהן אריינמאַרשירען איינצעלנע קלע־נערע פּאַטרולען פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי איז ער געווען גליקליך. ער פלעגט אין דער פינסטער לייפען אין שטעטעל אריין געוואויר ווערען וואָס עס טוט זיך דאָרט. אים האָט געווי־טאָגט דאָס הערצעלע ווען ער האָט גע־זעהן פאַרוואונדעטע אַמעריקאַנער סאָלדאַטען. ער האָט זיך אָבער גע־פרייט וואָס די דייטשען זיינען שוין אוועק.

ער האָט אויך געזעהן ווי דייטשע פּאַטרולען פאַלען אַרויס פון א באַהעל־טעניש פון א הויז און פאַלען אָן אויף די אַמעריקאַנער.

ער האָט דעמאָלט נישט געגלויבט, אַז עס איז שוין דער סוף, ווייל ער האָט דאָך אַלץ נאָך צוגעזעהן קאַמפען צווישען אַמעריקאַנער און דייטשען.

ווען „ברען" האָט איצט דערזעהן, אַז עס גייען שוין כסדר אַמעריקאַנער, האָט ער אנגעהויבען גלויבען, אַז זיין חלום צו דערלעבען דעם זיג פון די אַליאירטע ווערט פאַרווירקליכט. זיינע אויגעלעך האָבען געגלאַנצט פאַר פרייד. און ווען ער האָט איצט גע־זעהן אַט די קליינע גרופּע אַמעריקאַ־נער, איז ער געוואָרען דרייסטער. בא־זונדערס נאָכדעם ווי זיי האָבען אים געגעבען שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט אריינגעשלונגען מיט אַכאַל. שוין באַלד פיר יאָר ווי ער האָט נישט גע־וואוסט דעם טעם פון אַזאַ זאַך ווי שאָקאָלאַד. ער האָט שוין נישט גע־גלויבט, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן אַזעלכע גוטע זאַכען אויף דער וועלט.

איזי, וועלכער האָט זיך אויך גע־פונען אין דער גרופּע איז געווען מיד און פאַרמאַטערט, האָט ערשט דערפיהלט וואָס עס הייסט צו זיין אוועק פון דער מאַמע'ס פאַרטיך, ווייל ער איז שוין דורכגעגאַנגען אַלע פּיינען און שרעקען פון מלחמה־פראַנט, האָט דערפיהלט א מאָדנע רחמנות צו דעם קליינעם אינגעלע. ער האָט אים אויך אַרויסגעגעבען זיין שאָקאָלאַד. אַזוי האָבען זיך באַלד אנגעהויבען עפענען די זעקלעך פון די זעלנער און דער קליינער „ברען" איז ממש בא־וואָרפען געוואָרען מיט שאָקאָלאַד.

איז געשטאַנען דאָס אידישע אינגע־לע, אויף וועלכען עס האָט גערעגנט מיט שאָקאָלאַד און נישט געוואָלט גלויבען זיינע אויגען, עפּעס אַזוי ווי א מעשה פון טויזענט און איין נאַכט.

— עס, עס, אינגעלע, — האָט איזי געזאָגט צו אים מיט מיטגעפיהל.

— נעמט מיך מיט מיט אייך! — האָט זיך „ברען" ביי זיי געבעטען — איך האָב נישט מורא פאַר קיין שיסע־ריי, איך וועל גיין אין מלחמה, איך וויל אויס'הרג'ענען אַלע דייטשען. אַפילו פריצ'ן, מיין חבר, ביי וועמען איך בין געווען. נעמט מיך מיט.

ווען „ברען" האָט געזעהן ווי די זעל־נער לאַכען, האָט ער געזאָגט מיט ענערגיע, אַזוי ווי ער וואָלט זיי ווע־לען איבערצייגען אין זיינע רייד:

— איך האָב נישט מורא פאַר קיין באָמבעס, נישט פאַר שוטצען־גריבער, נישט פאַר שראַפּנעלען. איך דערקען שוין גוט ווען עס פליט א שראַפּנעל און ווען א באָמבע.

און ער האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף די שפּיץ פינגער כדי צו דער־גרייכען צו איזי'ס אויער און געזאָגט שטיל, אַזוי ווי ער וואָלט אים איינגע־רוימט א סוד:

— די דייטשען זיינען באַהאַלטען אין די הייזער, זיי וואַרפען האַנטגראַ־נאַטען, זייט פאָרזיכטיג! — און אויסשטרעקענדיג די קליינע הענטעלעך צו איזי'ן האָט ער זיך געבעטען — נעמט מיך מיט!

איזי, וועלכער האָט געהאַלטען דאָס איינגעדאַרטע הענטעלע פון דעם אינ־געלע, וואָס רעדט אַזוי ווי א דערוואַק־סענער און זעהט אויס ווי א סקעלעט, האָט דערפיהלט ווי עס ציט אים ביים האַרץ און ער האָט אים געוואָלט בא־רואיגען.

— האָב נישט מורא, די דייטשען וועלען שוין נישט צוריקקומען. מיר האָבען זיי שוין פאַריאָגט.

— אבער זיי זיינען נאָך באַהאַלטען. כ'זאָל אַזוי געזונט זיין, כ'האָב אַליין געזעהן — האָט „ברען" געריידט מיט זיין ברען אום צו איבערצייגען די זעל־נער, אַז עס איז נאָך דאָ געפאַר. — נעמט מיך מיט! זיי וועלען מיך דער'הרג'ענען — האָט דאָס אָרימע קינד זיך געבעטען.

— שוין, זיי וועלען שוין קיינעם נישט הרג'ענען! — ענטפערט איזי מיט זיכערקייט. — מיר האָבען זיי אומשעדליך געמאַכט.

ווידער שיינען אויף „ברען'ס" שוואַרצע אומעטיגע אויגעלעך און ער קלאַמערט זיך צו איזי'ן.

— נו, זיי געזונט, משה'לע — זאָגט איזי.

— איך הייס „ברען" — זאָגט מאַרטין און בלייבט שטיין א טרויע־ריגער.

— גיב מיר דיין הענטעלע! — זאָגט איזי און שטרעקט אויס זיין האַנט. — גוד באַי, „ברען".

מאַרטין גיט אים די האַנט און קלאַ־מערט זיך אין איר און מאַרשירט לע־בען די זעלנער מיט זיינע צעריסענע שיך.

איזי דריקט אים דאָס קליינע הענ־טעלע און זאָגט מיט א געמאַכטען בייזער:

— גיי אַהיים, אינגעלע, גיכער! — אבער אים האָט זיך נישט געוואָלט שיידען מיט דעם וואַרימען קליינעם קינדערשען הענטעלע.

— „ווער ווייס... ווער ווייס..."

די זעלנער האָבען געלאַכט: — ווילסט אויך גיין צום פראַנט, אינ־געלע? האָסט נישט מורא? טו אַז טאַפּעלטע הייזעלעך!... כאַ כאַ כאַ! — האָט זיך געהערט דאָס כאָר־געלעכ־טער פון דער הייע זעלנער.

דער עלטערער זעלנער האָט זיך פאַרשעמט. ער האָט דאָך אויך גע־לאָזען א קליין אינגעלע אין דער היים.

— גיי אַהיים, אינגעלע, גיי גיך אַהיים! — האָט ער שוין געזאָגט מיט מיטגעפיל און שטרענגקייט.

דאָס אינגעלע איז געבליבען שטיין. זיינע אויגעלעך האָבען כסדר נאָכגע־קוקט די ברוין־גרינע רעקלעך (קהעקי), וואָס מאַרשירען אוועק. דאָס איז גע־ווען א קליינע גרופּע זעלנער, אבער דאָך אַמעריקאַנער.

ווי מקנא ער איז זיי געווען! ער איז געשטאַנען און נאָכגעקוקט זיי. ער האָט זיך נאָך נישט אָפּגעגעבען קיין רעכענונג וועגען דעם ערנסטען מאָ־מענט; אבער זיין הערצעלע האָט עפּעס ווי געטאָן. ווי אַט־דאָס קליי־נע הערצעלע וואָלט געפילט, אַז עס וועט באַלד אַן אומגליק געשען.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט דאָס זשומען פון עראָפּלאַנען. דער הימעל איז פאַרשטעלט געוואָרען מיט שוואַר־צע שטאָלענע דייטשע עראָפּלאַנען.

„ברען" האָט גוט געקאָנט אונטער־שיידען די קאָלירען און די סאָרטען פון די עראָפּלאַנען. א שרעק איז אים באַפאַלען ווען ער האָט געקוקט ווי זיי לאָזען זיך אַראָפּ אַזוי נידעריג. דאָס איז געווען זייער לעצטער טאַנץ, זייער שוואַנען־געזאַנג. אבער זיי האָבען מיט כעס אנגעהויבען וואַרפען א רעגען פון באָמבעס, ווי זיי וואָלטען וועלען אויסלאָדען די גאַנצע אַמוניציע זייערע. זיי זיינען געפלויגען נידעריג, אַראָפּגעלאָזען זיך ממש אויף די קעפּ פון דער מאַרשירענדער גרופּע אַמערי־קאַנער און זיי באַשאָסען מיט מאַשי־נען־געווער, מיט באָמבעס, מיט גראַ־נאַטען.

איידער די אַמעריקאַנער האָבען בא־וויזען געגענצושטעלען זיך, זיינען שוין די זעלנער געפאַלען ווי פליגען.

עס איז געוואָרען א וואַנט פון רויך, וואָס האָט אַלץ פאַרשטעלט. די ערד, וואָס איז געוואָרען אַרויסגעריסען פון די אויפרייסען, איז געפלויגען אין דער לופטען אַזוי ווי א טורם.

די אַמעריקאַנער האָבען זיך שוין ניט געריכט, אַז די דייטשען וועלען נאָך איצט וואָגען אַנצופאַלען און אויפצונעמען א קאַמף; אבער די מער־דער האָבען שוין נישט געהאַט וואָס אָנצווערען. זיי האָבען דאָך גע־וואוסט, אַז דאָס איז זייער סוף, און אַמוניציע האָבען זיי נאָך געהאַט. נו, האָבען זיי איצט מיט צאָרן און טויט־אַנגסט זיך געוואָרפען צו פאַרניכטען כאָטש איינצעלנע גרופּען מיליטער פון די עלאַיס.

(ווייטערס מאָרגען)

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

אַ דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער • געשריבען ספּעציעל פאַר'ן „פאָרווערטס" פון שלמה בן־ישראל (נאָכדרוק פאַרבאָטען)

(פאָרטזעצונג)

זיי האָבען ניט געפרעגט ביי אים קיין פראַגעס נאָר אים אויפגענומען ווי אַן אָנגעלייגטען גאַסט. ער האָט געגעסען סאַפּער אין גרויסען עס־צימער פון דער קבוצה און דאַן האָט ער פאַרבראַכט מיט זיינע פריינט די שטונדען פון פריהען אָווענט ביז עס איז געווען צייט צו גיין שלאָפען.

מען האָט פאַר אים אויסגעבעט א געלעגער אין צימער פון א פריינט און סענדער האָט זיך צוגעשפּאַרט אויף עטליכע שטונדען. אַרום האַלבע נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. זיין פריינט איז געשמאַק געשלאָפען רו־הענדיג נאָך א טאָג פון שווערער אַר־בייט. סענדער האָט זיך אָנגעטאָן אין דער פינסטער, האָט מיטגענומען זיין פּעקעלע מיט זאַכען און האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעגנב'ט פון הויז; פאַר'ן אוועקגיין האָט ער צוגעשפּילעט צום קישען פון זיין געלעגער א צע־טעלע וואָס האָט זיך געלייענט:

„אַ דאַנק פאַר דער גאַסטפריינדליכ־קייט. מיר וועלען זיך אינגיכען זעהן. גרוס אַלעמען און ענטשולדיגט מיר. — סענדער."

די נאַכט איז געווען א קאַלטע. א בייזער ווינט האָט געבלאָזען פון דרום־מערב זייט, און אָנזאָג אויף די רעגענס וועלכע דאַרפען אינגיכען אָנ־קומען אין לאַנד. סענדער האָט זיך דורכגעגנב'עט דורכ'ן הויף און איז אַרויס אויפ'ן שליאַך וואָס האָט גע־פירט צו צמח. דאָרט, פאַרשטעקט הינטער ווילדע קוסטען, האָט סענדער זיך איבערגעטאָן און האָט די אייראָ־פּעאישע טראַכט צונויפגעוויקעלט און פאַרבונדען מיט א שטריק.

ער האָט געפונען א שווערען שטיין און האָט אים צוגעבונדען צו דעם פּעקעל און דאַן האָט ער עס אַריינ־געוואָרפען אין די שטורמישע וואַסערן פון ירדן. עס האָט זיך דערהערט א שטאַרקער פּלוסק. פון ווייטענס האָט א שאַקאַל זיך צעוואָיעט און באַלד האָבען אים געענטפערט צען אַנדערע, אויפכאַפּענדיג דעם וויינענדיגען גע־שריי, אין א יאָמערליכען כאָר. דער הימעל האָט זיך גענומען פאַרציהען מיט וואָלקענס. אין דער ווייטער פינסטערניש האָט זיך דורכגעטראָגען א רייטער גאַלאָפּירענדיג אויף זיין פערד. עס איז, ווייזט אויס, געווען איינער פון די שומרים (היטער) פון דגניה.

סענדער האָט זיך אָנגעשפּיצט און אויסגעשטרעקט דעם האַלז זיך איינ־צוהערען. ער האָט איצט געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג וואָרים ווען די שומרים פון דגניה זאָלען אים דאָ כאַ־פּען וועלען זיי אים אומברענגען איי־דער ער וועט האָבען די מעגליכקייט עפּעס צו זאָגען... ער איז איצט ניט געווען מער איינער פון ישוב... ער איז איצט געווען אַן אַראַבער, א זוהן פון די בערג, פון די סטעפּעס, פון מדבר...

פאָרזיכטיג האָט ער זיך דערווייטערט פון ירדן, און ווי א חיה וואָס פאַר'גנב'עט זיך צו איר קרבן, האָט ער זיך באַוועגט גערוישלאָז אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. ער האָט אויסגעמיידען די הייזער פון צמח און איז געגאַנגען מיט די שטעגעס פון דער באַן, וועלכע ציהען זיך קיין עבר הירדן. ער איז געווען באַקאַנט מיט דער געגענד און האָט געוואוסט גענוי ווען ער איז אַריבער די גרעניץ פון ארץ־ישראל.

איצט האָט ער לייכטער אָפּגעאָ־טעמט. מיט שנעלע טריט האָט ער געשפּרייזט אין דער ריכטונג פון צפון מזרח. ער איז איצט געווען אַן אַראַ־בער מיט א פאַרשמוציגטען פּנים, פאַרבלאָטיגטע פיס און א פּאָר שמו־ציגע הענט אויף וועלכע די נעגעל זיינען געווען באַראַמט מיט שוואַרצע בלאָטע. קיינעם וועט ניט איינפאַלען צו פאַרדעכטיגען אין אים א פרעמדען. אַפילו זיינע אויערן האָבען עדות גע־זאָגט, אַז זיי האָבען ניט פאַרזוכט דעם טעם פון וואַסער שוין ווער־ווייסט ווי לאַנג.

אַן עכטער זוהן פון מדבר, מיט א צעקרימטען שטאָק אין האַנט און א קלימעק אויפ'ן אַקסעל האָט ער גע־שפּרייזט א מהלך פון אַכטצען קי־לאָמעטער ביז דער הימעל אין מזרח האָט גענומען בלאַס ווערען. ערשט דאַן האָט סענדער באַשלאָסען זיך צו־זעצען אונטער אַן איילבירט־בוים און איבערבייסען א שטיקעל קעז מיט א „פּיטע" וואָס ער האָט געהאַט אין קלימעקל.

ער האָט באַשלאָסען צו וואַרטען אויף דעם זונען־אויפגאַנג אים צו קע־נען אויסגעפינען גענוי וואו ער גע־פינט זיך און דעם וועג אין דער ריכ־טונג וואו ער האָט געצילט. זיין פּלאַן איז געווען צו באַנוצען אַלע מעגליכע טראַנספּאָרט - מיטלען צווישען די שטעט און דערפער אויף זיין וועג אין אָנקומען וואָס שנעלער אין איראַק און דאַן אין באַגדאַד...

## אין מעטשעטש פון דאַוד פּאַשאַ

דער נאָמען „באַגדאַד" פאַרמאָגט א צויבערליכען קלאַנג. ער ברענגט אַרויף אויפ'ן זינען די מעשיות פון „טויזענט און איין נאַכט"; די פאָר־שטעלונג פון קאָלירדייכע באַזאַרען רייצט די פאַנטאַזיע, די אָריענטאַלי־שע פּראַכט פון צויבער־פּאַלאַצען, מינאַרעטען, גערטנער און סעדער מיט גינגאָלדענע פריכטען און עקזאָטישע בלומען, וואו ס'שפּאַצירען פאַרשלייער־טע פיגורען פון שיינע און געהיי־מניס־פולע פרויען — דערמאַנט האַלב־פאַרגעסענע חלומות פון דער קינדער־הייט.

מען נעמט זיך דערמאַנען אין פאַר־כישופ'טע לאַמפּען און קרוגען, מען נעמט הערען נאָגענדע מעלאָדיעס פון גילדערנע האַרפען און ציטרעס. רייכע קאַליפען רייטען אַרום אויף ווייסע פערד באַפּוצטע מיט פּאַפּאַגעס און פילפאַרביגע טעפּיכער, און אַט די גאַנצע פאַנטאַסטישע וועלט, פאַר־פלייצט פון זונשיין בייטאָג און בא־שפּרינקעלט מיט גאָלדענע שטערען ביינאַכט, לאָקט צו זיך און פאַר־שיכור'ט מיט איר זיסער פוילקייט פון א בלויען חלום.

אבער ווען א מענש קומט צום ער־שטען מאָל אָן אין באַגדאַד מיט אַט־די אַלע איבערגעדמאָנטע פאָרשטעלונגען, ווערט ער זעהר גיך ענטוישט. אַמאָל, מיט קנאַפּע צוועלף הונדערט יאָר צוריק, איז באַגדאַד טאַקי געווען א ווינקעל פון ערדישען גן־עדן. אין דער צייט ווען דער קאַליף האַרון־אַל־ראַשיד פון די „טויזענט און איין נאַכט" מעשה'לאַך האָט דאָרט גע־לעבט, האָט באַגדאַד פאַרמאָגט אַרום צוויי מיליאָן איינוואוינער.

(ווייטערס מאָרגען)

## דריי פּודינגס מיט איין באַרימטען נאָמען

דער נאָמען „דזשעל־אָ" איז א הויזוואָרט אין מיליאָנען היימען. אבער, צי ווייסט איר, אַז עס זיינען דאָ דריי פאַרשיידענע, מחיה־דיגע פּודינגס מיט דעם דאָזיגען באַרימטען נאָמען, וועלכע זיינען אויסגעצייכענט און אַזוי געשמאַק, אַז מען עסט זיי כמעט מיט די אויגען?... די דאָזיגע דריי פּודינגס זיינען: דזשעל־אָ טשאָקאָלאַד פּודינג, דזשעל־אָ וואַני־לאַ פּודינג און דזשעל־אָ באַטערסקאָטש פּו־דינג.

די דאָזיגע גוטע, נאַרהאַפטיגע און אַפּע־טיט־רייצענדע פּודינגס האָבען אַן אומבאַר־גלייכבאַרען געשמאַק. זיי זיינען אַזוי גרינג צו מאַכען, אַז אַלץ וואָס מען דאַרף איז צו־געבען מילך און זיי קאָכען צו פּערפעקטקייט אין בלויז 5 מינוט צייט. דער פּרייז פון די דאָזיגע דזשעל־אָ פּודינגס איז ממש בלויז א פּאָר פּעניס פאַר א פּאָרציע. קינדער און דער־וואַקסענע האָבען שטאַרק הנאה פון די פּו־דינגס. פאַר אַן עקאָנאָמישען, שנעלען און אַפּעטיטלעכן דיזוירט סערווירט דזשעל־אָ פּו־דינגס עטליכע מאָל א וואָך.

אויב איר האָט שוין טאַקע פאַרזוכט די דאָזיגע פּודינגס און איר ווייסט שוין ווי גוט זיי זיינען, איז אויך ווינשענסווערט, איר זאָלט פּראָבירען דזשעל־אָ טאַפּיאָקאַ פּו־דינג... איר קענט עס מאַכען אין בלויז 5 מינוט. עס קומט אין א פיינעם וואַנילאַ פלעי־ווער, א טשאָקאָלאַד טעם און אין דערפרי־שענדען אָרענדזש־קאָקאָנאַט פלעיווער. אַלץ וואָס מען דאַרף צוגעבען איז מילך, און איר וועט זעהן ווי מען וועט לעקען די פינגער פון דעם מאכל.

רייז פּודינג, א נייער פּראָדוקט פון דער דזשעל־אָ קאָמפּאַני, איז ממש א וואונדער פון רייז דיזוירט. עס נעמט בלויז 10 מינוט דאָס צוצוגרייטען און איז צוגעפּאַסט פאַר דער גאַנצער פאַמיליע. קריגט נאָך היינט ביי אייער גראָסער א פּאָר פּעקלעך פון די דזשעל־אָ פּודינגס און געניסט פון זיי היינט אָוונט ביי אייער מאָלצייט. (*

# דער היינטיגער דיקטאַטאָר האָט פאַרנומען דעם אָרט פון'ם אַמאָליגען קעניג

(שלום פון פּעדיזש 8)

נייע קאַסטען־סיסטעם האָט זיך פּאַק־טיש אויסגעבויט אויף דעם איינגע־וואָרצעלטען שקלאַפען־געפיהל פון די רוסישע מאַסען.

פאַרקערט, אין אַנגלאָ־זאַקסישע לענ־דער פּרעדיגט מען ניט אַזאַ פינסטערען שאָוויניסטישען האַס צום רוסישען פאָלק. פרייע מענשען מיט א זעלבסט־רעספּעקט ברויכען ניט דעם האַס.

קנאה, האַס און פאַלשע נאַציאָנאַלע גאווה איז תמיד אַן אויסדרוק פון אַן אינפיריאָריטי קאָמפּלעקס. און גראַדע אין די לענדער, וואו דאָס פאָלק האָט זיך נאָך ניט באַפרייט פון זיין שקלאַ־פען־געפיהל, דאָרט האָט די קאָמוניס־טישע פּראָפּאַגאַנדע אַן ערפאָלג.

די געשיכטע אבער האָט באַוויזען, אַז פעלקער מיט אַזאַ געפיהל מוזען אין א האַרטען קאַמף, די ערשטע צו־זאַמענברעכען און צעפאַלען. מענשען אָהן א געפיהל פון זעלבסט־רעספּעקט, קאָנען זיין בלינד־דיסציפּלינירטע סאָל־דאַטען, אבער זיי זיינען זעהר שלעכטע קעמפער און באַזיצען ניט קיין זעלבסט־דיסציפּלין, קיין איינינגקייט און קיין מוט פון א פרייען מענשען, וועלכער ווייסט פאַר וואָס ער קעמפט און איז פּאַקטיש זיין אייגענער גענעראַל.

און ווען עס קומט צו א צוזאַמענ־שטויס צעפאַלען די שקלאַפען־פעלקער צוערשט.

דאָס האָבען מיר געזעהן אין די לעצ־טע צוויי מלחמות, און דאָס וועט זיך איבער'חזר'ען ווען עס וועט קומען צו א קאַמף צווישען פרייען מענשען און דעם שקלאַף, ווי איך האָב עס געשיל־דערט מיט באַווייזען פון דער געשיכטע פון דער מענשהייט אין די פריערדיגע צוויי אַרטיקלען.

# ווען יום־טובים פון „געדענקען"

(שלום פון פּעדיזש 2)

ישראל האָבען זיך באַנוגענט מיט אוועקצונעמען ביי אונז אונזערע פאַר־מעגענס. מיר זיינען אָפט געטריבען געוואָרען פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, אבער אונזער גייסטי־גען פאַרמעגען האָט ביי אונז כמעט קיינער ניט געוואָגט אוועקצונעמען. די היינטיגע שונאי ישראל ווילען אַלץ, און קודם כל פירען זיי א מלחמה גע־גען אונזער נאָמען, געגען אונזער קול־טור, געגען דאָס הייליגסטע וואָס מיר האָבען געשאַפען און וואָס מיר האָבען דער וועלט געגעבען. מוזען מיר דעריי־בער מיט א באַזונדערער עקשנות אָפּ־היטען דעם נאָמען פון אונזער פאָלק און דעם כבוד פון אונזער פאָלק.

* * *

איינער פון די רירענדסטע מאָמענ־טען אויף דער יובילעי־קאָנווענשאַן פון אַרבייטער רינג, וואָס איז אָפּגעהאַל־טען געוואָרען די טעג אין ניו יאָרק, איז געווען, ווען די תלמידים פון די אַרבייטער רינג שולען האָבען אַריינ־מאַרשירט אין גרויסען זאַל און דאָס וואָרט האָט באַקומען רחל סילווער, א געוועזענע שילערין פון די אַרבייטער רינג שולען און איצט א תלמידה פון לערער־סעמינאַר.

וואָס האָט אַזוי שטאַרק גערירט די פאַרזאַמעלטע דעלעגאַטען און געסט? איז עס געווען דער אינהאַלט פון דער רעדע פון דער יונגער רחל סילווער? געוויס, אַלע זיינען געווען באַגייס־טערט פון דעם אויסגעצייכענטען אי־דיש, פון דעם אופן ווי די רעדנערין האָט אַרויסגעבראַכט אירע געדאַנקען און געפילען. אבער דאָס איז ווייט ניט אַלץ. געווען א טיפערע סיבה פאַרוואָס אַלע זיינען געווען אַזוי טיף גערירט. מיר האָבען פאַר אונז מיט אַמאָל דערזעהן קינדער, א יונגען דור, וועמען מיר קענען איבערגעבען אונ־זער ירושה, און מיר האָבען דערפילט, אַז אונזער לעבען און אונזער קאַמף האָט געהאַט א זין.

די קינדער פון די שולען זיינען גע־קומען דאַנקען זייערע לערער און ער־ציער צוזאַמען מיט די פירער און טוער פון אַרבייטער רינג פאַר דער אידישער ערציאונג, וואָס זיי האָבען מיט דער הילף פון דעם אַרבייטער רינג באַקו־מען. די קינדער האָבען געדאַנקט און האָבען צוגעזאָגט צו געדענקען, אַז זיי זיינען אידען און אַז עס איז זייער חוב ווייטער צו שפּינען דעם פאָדעם פון דער אידישער געשיכטע און פון דער אידישער קולטור. האָבען מיר אַלע מיט אַמאָל דערפילט, אַז מיר זיינען ניט אַליין, אַז מיר זיינען ניט דער לעצטער דור.

קולטור הויבט זיך אָן מיט דעם מאָ־מענט, ווען מענשען לערנען זיך אויס צו דאַנקען און צו געדענקען. יעדער דור דאַרף וויסען, אַז ער האָט א סך צו פאַרדאַנקען די פריערדיגע דורות און ער איז דעריבער אויך מחויב אָפּ־צוהיטען די ירושה פון זיין פאָלק פאַר קומענדיגע דורות. מיר האָבען פאַר וואָס צו דאַנקען די דורות פון אַמאָל און מיר האָבען וואָס אָפּצוהיטען און וואָס צו געדענקען.



# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקא ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— גער ניט אוועק, עלינאָר. איך דאַרף מיט דיר וועגען עפּעס זיך דורכ־ריידען — האָט זי איר געזאָגט. און זי האָט איר דערציילט ווי זי וואָלט וועלען אַז זיי זאָלען אַרויסמופען פון די בראָנקס, ערגעץ „דאַון־טאַון", און אַז דאָס וואָלט פאַר זיי ביידען געווען גוט.

— טו ווי דו ווילסט, מאַ — האָט עלינאָר גלייכגילטיג געגעבען א זאָג. איר האָט דאָך איצט פאַר קיין זאַך ניט געאַרט. נאָר אין א ווייַלע אַרום האָט זי חרטה געהאַט אַז זיי זאָלען זיך אַרויסקלייבען פון זייער אַלטער דירה, איבעררייסען מיט אַלץ. עפּעס האָט זי זיך געשראָקען פאַר דעם. זי האָט מורא געהאַט פאַר דעם אומבייט. ווער ווייס, אויב עס וועט ניט זיין ערגער? זי איז דאָך איצט מיט קיין זאַך ניט זיכער געווען. און זי האָט באַלד זיך אָפּגערופען צו איר מאַמען:

— דו קענסט זיך מופען וואו די ווילסט. איך וועל דערווייל פאַרבלייבען דאָ וואו איך בין.

בעלאַ האָט געגעבען א שאַרפען קוק אויף איר טאָכטער. זי האָט געמיינט, אַז עלינאָר וועט זיך אָנכאַפּען אָן דעם פּלאַן צו מופען. זי האָט דאָך אַליין א סך מאָל איבערגערעדט: עלינאָר, ווי זי האַסט צו וואוינען אין די בראָנקס און ווי אַלץ איז איר דאָ מיאוס געוואָרען. איז וואָס רעדט זי איצט עפּעס אַנדערש?

—עלינאָר, דו האָסט דאָך אַליין א סך מאָל געזאָגט אַז דו וואָלסט וועלען מיר זאָלען אַרויסמופען פון דאָ־נען? — האָט בעלאַ איר איצט דער־מאָנט.

— נו, האָב איך געזאָגט. און איצט האָב איך געביטען מיין מיינונג! — האָט עלינאָר אין א נאָווינע גענומען: אַרויסווייזען איר טראָציגקייט אַנטקע־גען איר מאַמען.

און בעלאַ האָט ווידער דורכגענו־מען איר טאָכטער מיט א שאַרפען בליק. זי האָט ניט אַזוי גיך געענט־פערט. צו עלינאָר'ן דאַרף מען דאָך וויסען ווי צו רידען. אין א ווייַלע אַרום האָט זי געזאָגט:

— פונדעסטוועגען וואָלט איך וועלען וויסען פאַרוואָס דו האָסט דיין מיינונג געביטען. איך וויל פון דיר הערען א וואָרט. דו האָסט אפשר גאָר אַנדערע פּלענער?

— איך האָב ניט קיין פּלענער, מאַ!

— האָט עלינאָר זיך אויף איר א וואָרף געטאָן מיט כעס. אַז בעלאַ האָט איר איצט אָנגעקוקט א ביסעל איבערגע־שראָקען.

פון יענעם טאָג אָן האָט בעלאַ ביי איר טאָכטער גאָרניט געפרעגט. פאַר־קערט, זי איז גאָר מיטאַמאָל געוואָ־רען מער נאָכגעבעדיג צו איר, און זי האָט אַלץ געזעהן אַז עלינאָר זאָל זיך ניט דאַרפען אויפרעגען. עלינאָר'ן האָט שוין אַליין פאַרדראָסען איר מאַמע'ס צופיל גוטסקייט. וואָס איז זי דען, א קראַנקע, אַז מען זאָל דאַר־פען איר אין אַלץ נאָכגעבען?

ביי זיך אַליין איז בעלאַ געווען שטאַרק פאַרזאָרגט. — „וואָס טוט מען? וואָס הויבט מען דאָ אָן צו טאָן?" — האָט זי זיך אַלץ געבראָכען דעם קאָפּ. איר זאָרג פאַר עלינאָר'ן איז געווען גרויס. די מיידעל איז אַזוי צעוויי־דעוועט, אַז מען קען שוין גאָר צו איר ניט ריידען. פונדעסטוועגען, אַז זיי וואָלטען אַרויסגעמופט פון דאַנען, וואָלט געווען גאָר אַנדערש. עלינאָר וואָלט אפשר איבערגעריסען מיט איר איצטיגער קאָמפּאַני, זי וואָלט זיך בא־קענט מיט אַנדערע מענשען.

בעלאַ'ן איז מיטאַמאָל איינגעפאַלען אַז זי זאָל זיך זעהן מיט סעמ'ן, איר מאַן. ניט פאַר איר אַליין, נאָר צו־ליב עלינאָר'ן. זי איז דאָך זיין קינד אויך. — א טאַטעלע איז דאָס — האָט זי זיך געערגערט. — צי האָט ער גאָר קיין געוויסען ניט? אַראָפּגע־וואָרפען פון זיך דעם יאָך, אים אַרט ניט פאַר זיין אייגענער טאָכטער!

זי האָט נאָך ניט געוואוסט אויף קלאָר ווי אַזוי די זעהונג צווישען איר און איר מאַן זאָל פאָרקומען, נאָר זי איז געווען זיכער, אַז זי וועט דאָס ניט לאָזען הענגען אין דער לופטען. זי וועט זיך מיט אים זעהן, ריידען מיט אים, הערען פון אים א וואָרט. זי וועט דאָס מוזען טאָן! אַז בעלאַ האָט עפּעס פאַרטראַכט, וועט זי שוין דאָס דורכפירען.

עלינאָר איז נאָך איר שמועס מיט איר מאַמען געוואָרען שטאַרק אויפגע־רודערט. זי האָט עפּעס מורא געהאַט פאַר דעם מופען, פאַר רירען זיך פון דעם איינגעזעסענעם אָרט. ביי איר איז דעמאָלט סיי־ווי געווען אָפטמאָל א געפיל, ווי זי וואָלט זיך געטראָגען ערגעץ אין דער לופטען, אָפּגעריסען פון'ם גרונט. און מער ווי אַלע מאָל, האָט זיך איר געגלוסט צו זיין צוגע־בונדען צו עפּעס, אַז זי זאָל קענען זאָגען אַז עס איז אירס. זי האָט מער ווי ווען עס איז ליב געקראָגען איר צימער, איר דעסק, די אַלטע הויז מיט די אָפּגעשיילטע ווענט, די באַקאַנטע שטילע גאַסען.

אַט האָט זי אָנגעהויבען פאַרלירען אירע נאָהענטסטע פריינט, מאַרטהאַ, צום ביישפּיל. איר הויז איז געווען דער איינציגער פּלאַץ וואו זי האָט זיך געפילט באַרוהיגט. מאַרטהאַ איז אַלעמאָל געווען ווי א שוועסטער צו איר. אין צייטען, ווען איר האָט זיך גע־דאַכט, אַז עס איז שוין גאָר ניטאָ קיין טרייסט פאַר איר, איז זי געקומען צו מאַרטהאַ'ן, זיך אויסגערעדט פאַר איר דאָס האַרץ און איר איז געוואָרען גרינגער. איצט זיינען די באַציאונגען צווישען איר און איר חבר'טע אָנגע־צויגענע.

מאַרטהאַ האָט אַן אָהנונג פון עלי־נאָר'ס באַציאונגען מיט סאַני'ן. איר געפעלט דאָס ניט. אַלץ דאַרף האָבען א נאָמען. נאָר עלינאָר האָט ניט גע־קענט איצט רעדען אָפענהאַרציג ווע־גען זיך און סאַני'ן. וואָס איז ער אי־רער? א געליבטער, א חתן? זי וויל דאָס אַליין ניט וויסען אויף קלאָר. איר איז געווען גוט אַזוי ווי דאָס איז איצט, און וועגען ווייטער האָט זי מורא געהאַט צו טראַכטען. האָבען די צוויי חבר'טעס איצט ווייניג געהאַט וועגען וואָס צו רעדען צווישען זיך, כאָטש זיי האָבען זיך אַלע מאָל אַזוי ליב געהאַט. און דאָס האָט עלינאָר'ן שטאַרק וויי געטאָן. מער האָט זי צו מאַרטהאַ'ן ניט געקענט גיין. עלינאָר האָט דעמאָלט געפילט ווי איינער, וואָס האָט אָנגעוואָרען א פאַרמעגען און ער איז פאַראָרעמט געוואָרען.

זי איז אָרימער געוואָרען מיט פריינט. עלינאָר האָט אייבי'ן אויך אָנ־געוואוירען. איר אַלטען, גוטען פריינט פון די אַלע יאָרען. אייב, אַז ער דער־זעהט אַמאָל עלינאָר'ן אין גאַס, און זי וויל זיך מיט אים אָפּשטעלען ריידען, מיינט ער באַלד, אַז זי וויל אים ווידער בעטען ער זאָל מיט איר גיין אין דער סטודיאָ צו זען סאַני'ן, גיט ער באַלד א מאַך־אוועק מיט דער האַנט.

— איך בין זעהר פאַרנומען, עלי־נאָר — זאָגט ער איר. — איך האָב קיין צייט ניט. גוד־באַי! — און ער לויפט פון איר אוועק.

אייב קוקט־אויס בלייך און אָפּגע־צערט. די באַקען זיינען איינגעפאַלען און זיינע אויגען קוקען שטרענג, ערנסט. ער ליידט אין דער שטיל פון א ליבע־אָהן־האָפנונג. ער איז אָפּגעלאָ־זען אין זיין אָנטאָן. די איינציגע זאַך וואָס עס האַלט אויף זיין מוט איז זיין איבערגעגעבענקייט צום לערנען, צום שטודירען. דאָס לערנען האָט מען ניט געטאָרט אָפּלאָזען.

אייב איז געווען שטאַרק אין כעס אויף עלינאָר'ן. פאַרוואָס לאָזט זי אים ניט צורו? ער האָט שוין לאַנג אויפ־געגעבען די האָפנונג, אַז ער איז עפּעס ביי איר ווערט. זי פאַרגעסט אָן אים אַזוי גיך ווי זי דערזעט דעם פאַר־שייטען יונג, דעם סאַני'ן.

(ווייטערס מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

פאַהפאַלען, „איטס נאָ יוז" — דאָס איז געווען אייב'ס ווערטעל וואָס ער האָט די לעצטע צייט גענוצט ווען נאָר ער האָט פון עלינאָר'ן געטראַכט. זי איז בלינד, עלינאָר. זי פאַרשטייט זיך ניט אויף דעם סאַני'ן. ער איז פוסט און באַרימעריש. אייב איז זיכער, אַז סאַני ווייסט ניט וואָס ער וויל, און זיין שיין רײדען איז נאָר אַן אָנשטעל. ער ווייסט אַלץ און ער ווייסט גאָרניט. ווי אַזוי דערקלערט מען דאָס איר, עלינאָר'ן? זי וועט רען דאָס וועלען הערען?

עס זיינען אַוועק נאָך אַ פּאָר וואָכען און זיי האָבען זיך אינגאַנצען ניט געזען. נאָר עלינאָר האָט ניט געוואָלט איבעררייסען מיט אייב'ן, איר אַלטען גוטען פריינט. זי האָט אים ניט געוואָלט פאַרלירען. און איינמאָל, אַז אייב איז איר אַנגעקומען אַנטקעגען, האָט זי אים ווידער אָפּגעשטעלט, און אייב האָט שוין ניט געקענט זיך אַרויסדרייען פון איר.

— דו ביסט אין כעס אויף מיר, אייב, איך ווייס. — האָט זי אים אַליין געזאָגט, און אייב האָט שוין געשוויגען. וויפיל ער האָט זיך ניט באַמיט צו פאַרהאַרטעווען זיין האַרץ אַנטקעגען איר, האָט ער דאָס ניט געקענט. ער האָט ניט געקענט ביישטיין איר רייץ, און אַ וואַרימער געפיל האָט זיך ווידער אין אים דערוועקט צו איר. ער וועט זיך ניט אָפּקערען פון איר, אויב זי וועט זיך אַמאָל אין אים נויטיגען.

— דו האָסט געזען סאַני'ן די צייטטען? — האָט אייב ניט געקענט זיך איינהאַלטען און איר געפרעגט.

עלינאָר האָט זיך ניט געריכט אויף אַזאַ פראַגע און זי האָט זיך אַ כאַפּגעטאָן מיט פאַרחדוש:

— יע, איך האָב אים געזען. סאַ וואָהאַט? איך טאָר אים שוין ניט זעהן?

— סאַ וואָהאַט! — האָט אייב איבערגעחזרט. אים איז ניט געפעלען דאָס ווערטעל. דאָס איז אַ נייס ביי איר אַזאַ אויסדרוק. ער געדענקט ניט, אַז פריער זאָל זי דאָס האָבען גענוצט.

אייב האָט מיט, אַמאָל אָנגעהויבען רײדען שלעכטס אויף סאַני'ן. ער האָט אויפגעזוכט זיינע חסרונות. אים האָט ניט געאַרט שוין אויב עלינאָר וועט דערפון ווערען אויף אים אין כעס.

— דו מיינסט אַוודאי, אַז סאַני איז פעאיג אויפצוטאָן גרויסע זאַכען? קען איך דיר זאָגען, אַז ניט. ער וועט קיינמאָל גאָרניט דערגרייכען צו עפּעס.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס? — האָט עלינאָר אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— איך ווייס. סאַני וועט ניט אויסצו-זיין דער מענש פאַר דעם.

— דו האָסט אַ גרויסען טעות. סאַני האָט זעלטענע פעאיגקייטען. ער איז ניט ווי אַלע — האָט עלינאָר זיך אָנגענומען פאַר סאַני'ן.

— גרויסע פעאיגקייטען איז נאָך ניט גענוג — האָט שוין אייב אָנגעהויבען רײדען מיט אַ כעס. — צו דעם מוז מען נאָך שווער אַרבייטען, אַז מען וויל עפּעס דערגרייכען. און וואָס האָט סאַני אויפגעטאָן ביז איצט? — גאָרניט!

עלינאָר האָט צוגעשוויגען. זי האָט ניט געקענט דערציילען אייבי'ן, אַז סאַני קלייבט זיך אויך אויפטאָן אַ וויכטיגע זאַך. ער האָט אָנגעהויבען שרייבען אַ בוך. נאָר דאָס איז נאָך דערוויייל געווען אַ סוד צווישען איר און סאַני'ן. סאַני האָט אַ קינסטלערישע נאַטור. וואָס פאַרשטייט אייבי אין אַזעלכע זאַכען, ווי קומט ער צו דעם?

— דו קענסט אים ניט, אייב. — האָט זי נאָר אים אַ זאָג-געטאָן. — און דו האָסט ניט קיין רעכט אַזוי צו רײדען וועגען אים.

— נו, האָב איך ניט קיין רעכט. מיך אַרט ניט! — איז אייב געוואָרען נאָך מער אין כעס. ער האָט זיך געגעבען אַ קער-אָפּ פון איר און ער איז אַנטלאָפען ניט זאָגענדיג אַפילו קיין „גוד-באַי". און עלינאָר איז געבליבען שטיין אין מיטען גאַס און אים נאָכגעקוקט און זי האָט זיך שטאַרק געוואונדערט. אַזוי אויפגערעגט האָט זי אייבי'ן נאָך קיינמאָל ניט געזען.

## קאַפּיטעל פיר-און-פערציג

אין דער היים ביי אים איז סאַני'ן ניט געגאַנגען אַזוי גוט די לעצטע צייט. דער טאַטע זיינער, סאָל רובינאָוו, האָט אַלץ אָפטער גענומען זיך נאָכפרעגען אויף זיין זון; אַז סאָל איז נאָר געקומען אַהיים און ער האָט זיין זון ניט געטראָפען, האָט ער באַלד גענומען אויספרעגען אידאַ'ן, זיין ווייב:

— וואו איז דאָס סאַני, וואָס טוט ער איצט?

די אורזאַך פאַרוואָס סאָל רובינאָוו האָט די לעצטע צייט זיך גענומען מער אינטערעסירען מיט זיין זון איז געווען זייער אַן ערנסטע. ער האָט די לעצטע צייט געהאַט אַ סך צרות אין זיינע ביזנעס. ער איז דאָך געווען אַ מאַנופעקטשורער פון דרעסעס און געפירט זיינע ביזנעס אויף אַ גרויסען פאַרנעם. אָבער מיט'ן פאַרטנער זיינעם האָט ער ניט געקענט שטימען. זיין פאַרטנער, מיסטער קעץ, איז געווען אַ פיפיגער יונג. האָט ער די לעצטע צייט גענומען צו אים זיך טשעפּען, געגעבען אים אַנצוהערעניש, אַז ער פירט געוויסע זאַכען ניט ריכטיג. סאָל רובינאָוו האָט געהאַט אַ אַנונג, אַז ער וויל אים אינגאַנצען „אַרויספּושען" פון די ביזנעס.

צו אים איז דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז מיסטער קעץ האָט זיך צונויפגערעדט מיט זייער הויפּט סעילסמאַן, וועלכער איז געווען אַ יונגער און געזונטער מענש, אַז ער זאָל פאַרנעמען רובינאָוו'ס פּלאַץ. סאָל רובינאָוו האָט פון דעם געהאַט גרויס האַרץ-ווייטאָג. זיין געזונט איז די לעצטע צייט אַזוי אויך ניט געווען צום בעסטען, איז ער שטילערהייט אַוועק צו אַ דאָקטאָר און דאָרט האָט ער אויסגעפונען, אַז ער האָט אַ קראַנקע האַרץ. דאָס אַלץ איז געשעהען אַזוי אומגעריכט. ער איז אַרומגעגאַנגען אַהן אַ קאָפּ. ער האָט אַפילו זיין ווייב, אידאַ'ן, דערוויייל ניט געוואָלט דערציילען וועגען דעם.

דער איינציגער טרייסט פאַר סאָל רובינאָוו'ן וואָלט געווען זיין זון סאַני. ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט סאַני'ן אַריינציען אין די ביזנעס, אַז ער זאָל דערנאָך ביסלעכווייז קענען פאַרנעמען דעם טאַטע'ס אָרט. סאַני, מיט זיין קאָפּ, מיט די גרויסע פעאיגקייטען זיינע. פריש בלוט וועט אַריינגעגעבען ווערען אין די ביזנעס און דער פּאַרטנער זיינער, מיסטער קעץ, וועט שוין גאָרניט האָבען וואָס צו רײדען.

דערוויייל האָט ער נאָך מיט זיין זון וועגען דעם ניט גערעדט. אַפילו אידאַ, זיין ווייב, האָט דאָך נאָך אויך ניט געוואוסט פון דער נייער לאַגע. נאָר ווי לאַנג קען אַ מאַן באַהאַלטען פון אַ ווייב וואָס מיט אים טוט זיך? אידאַ האָט שוין דערקענט נאָך זיין פּנים, אַז ס'איז אים אין עפּעס ניט גלאַט. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַז סאָל רובינאָוו איז געקומען אַהיים, און אידאַ האָט שוין געהאַט אָנגעגרייט אויפ'ן טיש דעם סאַפּער, האָט ער זיך ניט געכאַפּט אַוועקזעצען צום טיש און אָפּעסען. נאָר ער האָט מיט אַ גלייכגילטיגען טאָן געזאָגט צו זיין ווייב:

— דו מיינסט איך בין הונגעריג? אַ גלאָז טיי וואָלט איך יע געוואָלט. איך בין דאָרשטיג.

אידאַ האָט אויף אים אַ שנעלען קוק-געטאָן. זיין פּנים האָט אויסגעזען פאַרגעלט, ווי אָן סגעטריקענט. ער האָט אינגאַנצען אויסגעקוקט ווי די כוחות לאָזען אים זיך אויס.

— פאָלג מיך און גיי ניט אַ טאָג אין אָפיס, — האָט זי גערעדט צו אים אַ באַזאָרגטע. — דו וועסט פאַרבלייבען אין דער היים וועסטו זיך אַביסעל אויסרוען.

— יע, נאָך דאָס פעלט מיר, — האָט סאָל רובינאָוו ביטער אַ לאַך-געטאָן.

אידאַ איז געווען איבערגעשראָקען און אַז אומרואיגע האָט זי אים אַ פרעג-געטאָן:

— דו האָסט געהאַט עפּעס ערגערניש אין אָפיס די טעג?

— אַ, די געוויינליכע זאַכען, אַזוי ווי אַלעמאָל. — האָט ער נאָך געפּרואווט פאַרדריידען איר. נאָר ביסלעכווייז האָט ער שוין געמוזט איר אַלץ דערציילען, די צרות וואָס ער האָט מיט זיין פּאַרטנער און ווי ער אַליין האַלט שלעכט מיט זיין געזונט.

(ווייטערעס מאָרגען)

# סטאַלינ'ס פּוילישע הויף-דאַמע

פון יוסף שמעון גאָלדשטיין

(שלוס פון פעידזש 2, סעקשאַן 2)

קע אין קיעוו אַזוי אידיליש ווי די טייבעלעך — ווייס איך נישט. אָבער אַז פּאָליאַקען מיט אוקראַינער האָבען פון דעם וואַנדאַ-קאָרנעיטשוק-שידוך זיך נישט אַראָפּגענומען קיין מוסר, דאָס האָט געוויזען דער סוף פון דער לעצטער וועלט-מלחמה, ווען דער גרעסטער טייל פּאָליאַקען פון לעמבערג און פון סאָוועטישען מזרח-גאַליציע האָבען געלאָזט שטיין זייער האָב און גוטס און איבערגעוואַנדערט קיין פּוילען.

## סטאַלינ'ס הויף-דאַמע

באַקאַנטע רוסישע שרייבער, מיט וועלכע איך פלעג זיך טרעפען אין סאָוועטען פאַרבאַנד, האָבען די פּאָפּולערע וואַנדאַ שטאַרק מקנא געווען צוליב איר גרויסקייט אין קרעמל. זיי, די רוסישע שרייבער, מיט וועלכע איך פלעג שמועסען, האָבען בלויז געזונגען לויב-געזאַנגען צו סטאַלינ'ען, אַז ער איז „ליכטיגער ווי די זון", און דערמיט זיינען זיי אָפּגעקומען. זייער קאָלעגין אָבער, וואַנדאַ, האָט געהאַט די זכיה פּערזענליך באַשטראַלט צו ווערען פון דער דאָזיגער זון. זי איז געווען איינע פון די ערשטע טיש-זיצערינס אין „רבינ'ס הויף". זי איז פּאַקטיש געוואָרען אַ „הויף-דאַמע" אין קרעמל.

פון איר טאַלאַנט, דאַגעגען, האָבען רוסישע שרייבער ווייניג געהאַלטען. די סאָוועטען האָבען זי רעקלאַמירט אַלס די בעסטע פּוילישע שרייבערין. פלעגען זיך רוסישע שרייבער וואונדערען און מיך פרעגען: היתכן, צי איז זי טאַקע ביי אייך אין פּוילען געווען די גרעסטע שרייבערין? קיין גרעסערע האָט איר שוין נישט געהאַט? זיי האָבען נישט פאַרשטאַנען, אַז נישט צוליב דעם וואָס זי איז אַזאַ גרויסע שרייבערין האָט זי אַזוי אויסגענומען אין קרעמל. שרייבערינס האָט פּוילען געהאַט גרעסערע ווי זי. אין קרעמל האָט מען זיך געצאַצקעט מער מיט איר יחוס ווי מיט איר טאַלאַנט.

מיט טאַלאַנט איז איר צווייטער מאַן, קאָרנעיטשוק, אַ סך מער געבענטשט ווי זי. אויב מען זאָל זיי צוזעהן מיט דער מאָס פון טאַלאַנט, האָט וואַנדאַ געטאָן אַ בעסערען שידוך ווי איר מאַן. קאָרנעיטשוק איז טאַלאַנטירט פון קאָפּ ביז די פיס און ער געהערט צו דער אַריסטאָקראַטיע פון דער סאָוועטטישער שרייבער-וועלט.

נאָך פאַר דער לעצטער מלחמה איז ער געווען אַ באַקאַנטער נאָמען אין סאָוועטען-פאַרבאַנד. אין מיטען גאַנג פון דער מלחמה איז זיין רום פילפאַך געשטיגען צוליב אַ מיליטעריש-ליטעַראַרישער סענסאַציע, מיט וועלכער עס האָט געקאָכט גאַנץ רוסלאַנד.

דאָס איז געווען אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה מיט היטלער'ן. סטאַלין האָט צו זיין שרעק דערזעהן, אַז די אַלטע רעקלאַמירטע הויף-גענעראַלען זיינע, די אַלע פאַרהייליגטע געטער, די וואָראָשילאָווס, די בודיאָניס, טימאָשענקאָס און זייערע תלמידים זיינען ניט מער ווי מיליטערישע לאַ-יוצלה'ס, שטרויענע העלדען. זיי פאַרלירען איין שלאַכט נאָך דער צווייטער און זיי פאַרלירען אויך די קעפּ. האָט זיך דער הערשער פון רוסלאַנד פאַרנומען אויף אַ געוואַגטען און ריזיקאַלישען באַשלוס, וועלכער האָט טאַקע אָפּגעראַטעוועט רוסלאַנד; ער האָט אָהן רחמנות באַזייטיגט פון פראָנט די סאַמע פּאָפּולערסטע גענעראַלען פון דער אַלטער גוואַרדיע און איבערגעגעבען די קאָמאַנדע צו יונגע, ענערגישע גענעראַלען, וועלכע זיינען דער עפענטליכקייט אינגאַנצען געווען אומבאַקאַנט. די אַלטע „געטער" האָט מען אַוועקגעזעצט אונטער'ן אויווען און זשוקאָוו, ראָקאָסאָווסקי, וואַטוטין, וואַסילעווסקי, מאַלינאָווסקי, גאָוואָראָוו, טשערניאַכאָווסקי, און אַנדערע ביז דאַן אומבאַקאַנטע גענעראַלען, האָבען איבערגענומען די גאַנצע מאַכט אויף די פראָנטען און דערפירט צו די שפּעטערדיגע נצחונות.

פאַר דער רויטער אַרמיי איז דאָס געווען אַ גרויסער מאָראַלישער קלאַפּ. דאָס מיליטער און דאָס פאָלק האָבען נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשעהן? פאַרוואָס האָט מען די „אַלטע גוואַרדיע" פאַריאָגט און זיי פאַרטוישט מיט עפּעס נייע אומבאַקאַנטע אַפיצערען?

כדי די גאַנצע זאַך אויסצוטייטשען פאַר'ן מיליטער און פאַר'ן פאָלק האָט סטאַלין באַשלאָסען אַנצוּוואָוענדען אַן אָריגינעל מיטעל: פון דער טעאַטערבינע אַראָפּ האָט ער געוואָלט זיך אויס'טענה'ן מיט'ן רוסישען פאָלק און אים ערקלערען וואָס דאָ איז געשעהן.

## סטאַלין באַפעלט צו שרייבען אַ טעאַטער-שטיק

אין איין שיינעם טאָג האָט דער הערשער פון קרעמל געריפען צו זיך נישט קיין אַנדערען ווי דעם טאַלאַנטירטען דראַמאַטורג אַלעקסאַנדער קאָרנעיטשוק און אים באַפוילען אויף גיך אָנצושרייבען אַ טעאַטער-שטיק אונטער'ן נאָמען „פראָנט", וואָס זאָל שילדערען ווי אַן אַלטער סאָוועטישער גענעראַל, וואָס האָט זיך אויסגעציייכענט מיט זיין העלדישקייט אין בירגער-קריג, פירט אַזוי שלימ'מזל'דיג זיין קריגס-אָפּעראַציע געגען היטלער'ן, אַז דער גאַנצער פראָנט - אָפּשניט זיינער האַלט זיך ביים איינברעכען. דער גענעראַל פאַרלירט זיין קאָפּ און פאַרשטייט נישט פאַרוואָס אין בירגער-קריג האָט ער כסדר געזיגט און איצט קאָן ער זיך קיין עצה ניט געבען. ער איז אָבער קאָנסערוואַטיוו און האַלט זיך אַלץ ביי די פאַרעלטערטע קריגס-טראַדיציעס וואָס פּאַסען אַבסאָלוט נישט צו דער היינטיגער קריגסטעכניק. די מאָדערנע נייע קריגסמעטאָדען וויל ער בשום אופן נישט אָנערקענען און איז אַפילו נישט איםשטאַנד זיי צו באַגרייפען.

פּלוצלינג ערשיינט אין שטאַב פון שלימ'מזל'דיגען גענעראַל אַ יונגעטשקער גענעראַל, געשיקט פון קרעמל, מיט אַ באַפעל איבערצונעמען דעם פראָנט. צווישען אַלטען גענעראַל מיט'ן יונגען קומט פאָר זייער אַ דראַמאַטישע דיסקוסיע וועגען די אַלטע און נייע קריגס-מעטאָדען. דער אַלטער טראַגט זיך מיט האַרצוויטאָג אָפּ און דער יונגער דרייסטער קאָמאַנדיר ריזיקירט און געווינט די שלאַכט.

דאָס דאָזיגע טעאַטער-שטיק איז געווען די סאַמע פּאָפּולערסטע מלחמהפּיעסע אין סאָוועטען-פאַרבאַנד. עס איז יאָרען-לאַנג געגאַנגען אויף אַלע סאָוועטישע בינעס און מען האָט עס געוויזען אויף די פראָנטען. ווען אין רוסלאַנד וואָלט געווען ערלויבט פּרייוואַט-אייגענטום, וואָלט דער אויטאָר פון דער פּיעסע, קאָרנעיטשוק, געקענט פאַר די בלויזע ראָיאַלטיס אָפּקויפען האַלב מאָסקווע.

## דעם מיניסטער'ס טאָכטער ווערט אַ מיניסטער'ס ווייב

נישט געקוקט אויף זיין גרויסען ערפאָלג איז וואַנדאַ'ס מאַן געווען אייפערזיכטיג אויף זיין ווייבעל, נישט צוליב איר שריפטשטעלערישען ערפאָלג, נאָר צוליב איר פּאָליטישער קאַריערע. אויך האָט ער זיך באַמיט צו מאַכען אַ פּאָליטישע קאַריערע און האָט זי דערגרייכט. ער איז באַלד נאָך דער מלחמה געוואָרען אויסערן-מיניסטער פון דער אוקראַינישער סאָוועטישער רעפּובליק. וואַנדאַ'ן איז שוין באַשערט געווען צו זיין אין דער משפּחה פון מיניסטאָרען: פון אַ בורזשואַזנעם מיניסטער'ס אַ טאָכטער איז זי געוואָרען אַ קאָמוניסטישען מיניסטער'ס אַ ווייב.

קאָרנעיטשוק'ס טעטיגקייט אַלס אוקראַינישער אויסערן-מיניסטער אין קיעוו איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער פלעגט יעדען טאָג קומען אין מיניסטעריום, טרינקען טיי און זיך אַוועקזעצען ביים דעסק שרייבען... לידער און ראָמאַנען. די אוקראַינישע אויסערן פּאָליטיק האָט שוין פאַר אים באַזאָרגט מאָלאָטאָוו, פּונקט ווי ער האָט ערלעדיגט די אויסלענדישע פּאָליטיק פון אַלע סאָוועטישע „רעפּובליקען" און פון די „זעלבסטשטענדיגע פאָלקס-דעמאָקראַטישע" לענדער.

גאַנץ אָפט איז דעם „אויסערןמיניסטער" קאָרנעיטשוק פאַר'מיאוס'ט געוואָרען אַפילו דאָס טיי-טרינקען אין זיין קיעווער מיניסטעריום, און דאַן פלעגט ער זיך אַראָפּכאַפּען קיין מאָסקווע אין סאָוועטישען שרייבערפאַראיין אויף וואָראָווסקי גאַס, טרינקען וואָדקאַ און לאָזען די אוקראַינישע אויסערן-פּאָליטיק אויף הפקר...

ווען ער פלעגט עטליכע וואָכען שפּעטער צוריקקומען קיין קיעוו אין זיין „אויסערן-מיניסטעריום", פלעגט ער דאָרט תמיד טרעפען אַלץ אין בעסטער אָרדנונג. קיין איין נאָטע פון קיין פרעמדער מלוכה איז אין מיניסטעריום נישט אָנגעקומען... פון קיין אולטימאַטומס איז שוין אָפּגערעדט... די איינציגע שרייב-מאַשין פון מיניסטעריום איז תמיד געווען פאַרשלאָסען אויף אַ שליסעלע און זי איז געעפענט געוואָרען בלויז ווען מען האָט זי געדאַרפט אָפּפּוצען. קאָרנעיטשוק'ס סטענאָגראַפיסטקע, די פריילין יעוודאָקיאַ, האָט געהאַט דעם ליכטיגסטען דזשאָב אין דער וועלט.

אַ רוסישער שרייבער האָט מיר אין מאָסקווע דערציילט אַ וויץ, בסוד סודות, פאַרשטייט זיך, וועגען קאָרנעיטשוק'ס „אויסערן-מיניסטעריום": איינמאָל איז צו קאָרנעיטשוק'ן געקומען אַן אוקראַאינישער פּאָעט [illegible], עס איז דערעסען געוואָרען צו זיצען אין קיעוו און ער האָט געבעטען קאָרנעיטשוק'ן:

— טאָוואַרישטש מיניסטער, עס איז מיר שוין נמאס געוואָרען צו זיצען אין קיעוו און איך בעט דיך אַ טובה: אפשר קאָנסטו מיך באַשטימען פאַר'ן אַמבאַסאַדאָר פון דער אוקראַינישער „רעפּובליק" אין מאָסקווע?...

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראזע שושנה

(פאָרטזעצונג)

## דער העלדישער „ברען"

„ברען" האט דערפיהלט א ברען אין זייט. ער האט זיך צוריק אויפגע־שטעלט און אנגעהויבען לויפען. ער האט דערזעהן ווי עס גיסט זיך בלוט איבער זיינע פיס, אבער ער האט זיך ניט אפגעשטעלט. סאיר'ן! וועט איהם קיינער דא ניט קאנען העלפען. ער האט דערזעהן אז אין זיינע הייזלעך איז אויסגעבערנט א לאך. ער האט מיט די הענטלעך אנגעטאפט וואו עס איז די וואונד, וואס ברענט אים. ער האט פון זיך אויסגעטאן דאס העמדעל און דערמיט פעסטער ארומ־געבונדען ארום זיין גארטעל. ווען ער האט דערפיהלט דעם וועהטאג און דערזעהן דעם בלוט־פלעק, האט ער גע־וואוסט, אז די הויפטזאך איז אפצו־שטעלען דאס בלוט, אום עס זאל ניט אריינקומען קיין שמוץ אין דער וואונד. ער האט אבער ניט געקאנט אפשטע־לען דאס בלוט, וואס האט דורכגע־נעצט דאס פארבינדעכץ.

דער קליינער ארימער מארטין שלע־סער האט אין דער מינוט אליין זיך צוגעגעבען מוט און זיך געוויצעלט אויף זיין אייגענעם חשבון:

— אזויפיל בלוט פארמאג איך נאך? ! נו, איז דאך ניט שלעכט מיט אונז. אבי איך האב געמיינט, אז איך בין בלוט־ארעם.

מארטין איז געלאפען ווען ער האט דערזעהן דעם אמעריקאנער פאטרול אין שטעטל. ער איז אן אפגעשוואכ־טער צוגעלאפען און אים גענומען מיט זיין לעצטען אטעם ערקלערען, אז הילף איז נויטיג. אבער דער אמעריקא־נער זעלנער האט איהם ניט פאר־שטאנען און זיך דערשראקען פאר זיין בלאס פנים'על און פאר זיין פארבלו־טיגטען צושטאנד. ער האט איהם גיך גענומען אויף די הענט און אריינגע־פירט אין קאמאנדע.

דארט האט אן איבערזעצער גלייך איבערגעגעבען וואס דאס אינגעל דער־צעהלט מיט זיין שוואכער שטימע.

ווען דער דאקטאר מיט'ן אמבולאנס איז אוועק, האט א צווייטער דאקטאר זיך גענומען גיך צו באטראכטען מאר־טינ'ס וואונד. ער האט טרויעריג א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און געהיי־סען איהם גלייך אנזעקפירען צום אפע־רירען.

— ער האט צופיל בלוט פארלארען, דאס קינד — האט דער דאקטאר גע־זאגט.

ווען דער אמבולאנס מיט די סאני־טארען זיינען אנגעקומען צום פלאץ, וואו ס'איז געלעגען איזי, האבען זיי פון איהם אראפגענומען דעם אינגעל'ס רעקעל, און וועלכען די קעשענעס זיי־נען געווען אנגעפילט מיט שאקאלאד. דער ארימער מארטין האט ניט געהאט קיין גליק. ער האט אפילו ניט באוויזען אויפצועסען די מתנה פון די אמע־ריקאנער זעלנער.

איזי האט זיך געבעטען, אז מען זאל דאס רעקעל צוריקגעבען צו דעם קליינעם „ברען".

ווען מען האט איזי'ן אריינגעפירט אין דעם פראוויזארישען מיליטערישען קליינעם פעלד־אפעראציע־זאל, האט ער דערהערט „ברען'ס" שוואכע שטימע:

— גאט זיי דאנק, אז איר זייט שוין דא!

איזי האט אין די גרעסטע יסורים געבעטען, אז ער וויל צוטוליען זיין רעטער צו זיין ברוסט. אבער מען האט איהם ערקלערט, אז דאס אינגעל איז זעהר שווער פארוואונדעט און מען גרייט איהם צו פאר א גאר ערנסטער אפעראציע.

— איין גאט זאל אים העלפען! — האט דער דאקטאר ארויסגעשעפ־טשעט.

„ברען" האט שוין קיין אפעראציע ניט געהאט.

אייניגע אמעריקאנער, — וועל־כע זיינען געווען געוואר געווארען פון דעם קליינעם אינגעל'ס העלדישקייט, ווי ער איז א שווער פארוואונדעטער, מיט די לעצטע כוחות, געלאפען, כדי צו ברענגען הילף פאר אן אמעריקאנער זעלנער, — האבען גלייך אין דער מי־נוט פארגעלעגט צו געבען זייער בלוט פאר א טראנספיוזיע. דער דאקטאר האט זיך איינפאך ניט געקאנט קיין עצה געבען מיט די אפערס פון בלוט פאר „ברען". מען האט געמוזט ווא־רפען גורל, וועמעס בלוט צו נעמען. אזוי האבען זיך די „באים" געריסען אוועקצוגעבען זייער בלוט, כדי צו ראטעווען דאס קינד. אבער ליידער האט שוין קיין בלוט ניט געהאלפען. „ברען" האט נאך באוויזען ארויסצו־רעדען:

— מיין ריכטיגער נאמען... איז... מארטין שלעסער; איך וויל באגראַ־בען ווערען ניט אין דער נארע פון וואלד. איך האב געלעבט צווישען חיות. וועלכע וואלטען מיך פארצוקט. איך וויל באגראבען ווערען אויפ'ן בית־עולם, מיט די דער'הרג'עטע אמערי־קאנער זעלנער. [illegible]

איזי האט דורכגעמאכט א גאר שווערע אפעראציע, וואס געלינגט זעהר זעלטען. ער איז געווען בלינד. די דאקטוירים האבען געמאכט אן אפע־ראציע אויף זיינע אויגען, וועלכע זיי־נען זעהר שטארק באשעדיגט געווארען פון דעם באמבע־אויפרייס. זיין גאנץ פנים איז געווען איין גרויסע וואונד. זיין קערפער איז אויך געווען שטארק באשעדיגט.

ווען די דאקטוירים האבען אין איי־לעניש דורכגעפירט די אפעראציע און מען האט גענומען זוכען זיינע דאקו־מענטען, כדי צו פארשרייבען זיין נא־מען און אדרעס, האט זיך ארויסגעווי־זען, אז זיינע דאקומענטען זיינען פאר־ברענט, און מען האט ניט געוואוסט ווער און וואס ער איז.

איזי איז א לאנגע צייט געלעגען אין א באוואוסטלאזען צושטאנד און אין שווערער היץ. ער האט כסדר נאך דערמאנט דאס ווארט „ברען".

די נויזסעס און דאקטוירים האבען ניט געוואוסט וואס עס איז דאס ווארט „ברען". איין אידישער דאקטאר האט ערקלערט, אז דאס וויל ער זיי זאגען, אז עס ברענט איהם. מען האט ניט געקאנט געוואר ווערען זיין נא־מען, ווייל ער האט אין היץ נאר דער־מאנט סילוויא, מאמע, און „ברען" — אט־די דריי ווערטער — סילוויא, מא־מע און „ברען" — האט ער כסדר גע־מורמלט.

מיט'ן איינגעמען גרעסערע דייטשע שטעט האט מען כסדר אויך איזי'ן מיטגענומען אין בעסערע שפיטאלען.

ווען איזי האט דאס ערשטע מאל דערפיהלט, אז ער זעהט ניט, אז זיינע אויגען זיינען פארבאנדאזשירט, אז זיין גאנץ פנים איז פארבאנדאזשירט, האט אים ארומגענומען א שרעקלי־כער רחמנות אויף זיך אליין. ער האט געהערט ווי מען רעדט, אז די מלחמה איז שוין געענדיגט, אז די אמעריקא־נער האבען געזיגט, און אז מען האט איינגאנצען פארניכטעט דעם דייטש. האט ער זיך שטארק דערפרעהט. אבער ווען ער האט דערהערט, אז אלע שווער־פארוואונדעטע שיקט מען אפ צו היילען אין אמעריקע, איז א שוידער דורכגעלאפען זיינע גלידער.

ווי אזוי וועט זיין מאמע דאס אי־בערלעבען? עס וועט דאך זיין פאר איהר א טויט־קלאפ. נו, און סילוויא וועט אים זעהן א בלינדען; זי וועט אים באדויערען, אבער אין הארצען וועט זי זיין צופרידען וואס זי האט מיט איהם ניט חתונה געהאט.

— ארימע מאמע מיינע, זי האט שטארק געוויינט ווען איך האב וואָ־לונטירט. ווי אזוי וועט זי אויסהאל־טען צו זעהן איהר בלינדען זוהן?

איזי, וועלכער איז, ווי זיין פאטער, דזשייקאב, אנטלאפען אין דער ארמיי צוליב א ליבע, וואס האט געגאנגט זיין הארץ, האט באשלאסען, אז ער וועט זיך אין אזא צושטאנד ניט אומקערען אהיים...

(ווייטערס מארגען)

# די טאכטער פון א פויגעל

א דעטעקטיוו ראמאן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אראבער

געשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס" — פון שלמה בן־ישראל

(נאכדרוק פארבאטען)

(פאָרטזעצונג)

אין פארלויף פון די לעצטע זעקס טעג איז סענדער עטליכע מאל געפא־רען מיט אזעלכע אויטאבוסען פון איין דארף אין צווייטען און ער האט בא־שלאסען, אז ווי לאנג ער קען פארמיי־דען אט־די רייזעס איז עס געזינטער פאר אים. עס איז געווען לעבערליך אומצוקומען אויף אזא נארישען „ראיד", ווען עס איז אים געלונגען צו פאר־מיידען פיל גרעסערע און וויכטיגערע געפארען.

ער האט זיך איצט דערנענטערט צו דער שטאט און אינמיטען איז ער אריין דורך איינעם פון די טויערען, וואס האט געפירט אין שטאט אריין. באגדאד איז ארומגערינגעלט מיט אן אלטען מויער — א דיקע וואנט וואס רינגעלט ארום די שטאט און איז קנא־פע זעקס מייל די לענג. אמאליגע יארען איז די וואנט געווען די באשי־צונג פון שטאט געגען אנגרייפער. דערצו איז די וואנט געווען ארומגע־רינגעלט מיט א טיפען קאנאל, וועל־כען מען פלעגט אנפילען מיט וואסער פון טיגרים טייך, אום אפצוהאלטען דעם שונא.

איצט איז דער קאנאל טרוקען און די וואנט האלב־חרוב. די אמאליגע טויערן פארמאכען זיך ניט מער אויף ביינאכט און דער אריינגאנג אין שטאט איז פראנק און פריי.

סענדער האט לאנגזאם געשפרייזט איבער די שמאלע, שטויביגע גאסען פון באגדאד. ער האט געקענט די שטאט פון יארען צוריק און ער האט ניט באמערקט קיין ענדערונגען. דער זעלבער שמוץ און שטויב, די זעלבע ארימקייט און אפגעריסענקייט פון די מענשען, דערזעלבער געשטאנק, דער־זעלבער טומעל.

ס'איז אים אויסגעקומען פארבייצו־גיין דארט וואו עס וואוינען די רייכע און דארט האט ער שוין געפונען ברוי־קירטע גאסען, שענערע און ברייטע־רע, מיט הויכע געמויערטע ווענט ארום די פאלאצען, הינטער וועלכע די עפענ־דים האבען אויסבאהאלטען זייערע הארעמען און רייכטימער פון נייגע־ריגען בליקען. באלד איז ער אבער אנגעקומען אין דעם ארימען טייל פון דער שטאט און האט זיך געלאזט צום גרויסען באזאר.

אויף טריט און שריט האט סענדער געזעהן קברים פון הייליגע. כמעט ביי יעדען מעטשעט האט זיך געפינען א קבר ארער צוויי פון הייליגע שעיכען אין דערוויישען. די גלויביגע האבען געשטראמט צו די קברים אין מאסען, ווארים יעדער הייליגער קבר האט גע־האט זיין „ספעשאלטי": איינער האט געהאט די קראפט צו היילען די אויגען, אן אנדערער קבר האט געהאלפען קינ־דערלאזע. א דריטער איז געווען א סגולה צו פרנסה. א פערטער האט גע־בענשט די וועלכע האבען געבעטען אויף יונגענט־קראפט. ס'פארשטייט זיך, אז א געבעט אליין איז ניט געווען גענוג. מען האט בארארפט אריינ־ווארפען „צדקה" אין פושקע ביים קבר, און אזוי ווי יעדער הייליגער קבר האט געהערט בירושה צו אן אנדער פאמי־ליע, האבען די יורשים געהאט א לייכ־טע פרנסה, וואס פלעגט איבערגיין פון פאטער צום זוהן...

ניט קוקענדיג דערויף, וואס ס'איז נאך געווען זעהר פרי, האבען די גאסען פון דער שטאט שוין געווימעלט מיט מענשען. סענדער האט זיך אויפ־מערקזאם צוגעקוקט צו די פארביי־גייענדע און ער האט זעהר לייכט דער־קענט די פארשידענע נאציאנאליטע־טען צו וועלכע די מענשען האבען גע־הערט. עס איז זיי געווען לייכט צו דערקענען לויט זייער אנטאן, אויסזען און פארהאלטען זיך.

ער האט געזען פילע אידען. כמעט אלע קראמען אין די רייכערע קווארטאלען פון שטאט האבען געהערט צו זיי. סענדער האט עס געוואוסט. ער האט זיך דערמאנט ווי ער איז אמאל נעגאנגען שפאצירען איבער'ן שטאט און האט זיך געוואונדערט דאמאלסט, וואס כמעט אלע געשעפטען זיינען צו־געשלאסען, ביז ער האט באגריפען, אז עס איז געווען שבת.

איצט האט ער געזען ווי די געשעפ־טען עפענען זיך. די אידישע קרע־מערס זיינען געווען פארשמייעט. גע־איילט אויסצולייגען די סחורות, אויס־פוצען די שמאלע פארשטויבטע שויי־פענסטער. שניט־סחורות, געווירצען, גאלדשמידט אויסארבייטונגען, אייזען געשעפטען, געלט טוישערס, שניידערס און פעז מאכערס, איילבירט אייל, רייז און קאווע, ווי אויך מאדערנע סואוועניר קראמען פאר טוריסטען — דאס אלץ איז געלעגען אין די הענט פון די אידישע סוחרים. סענדער האט אויך געזען רייזע ביוראס, טראנספארט גע־זעלשאפטען און אפילו א באנק, וואס האבען געטראגען אידישע נעמען, און סענדער האט גוט געוואוסט, אז צווי־שען די אידען פון באגדאד געפינען זיך פילע רייכע מענשען, עטליכע פון זיי וואס ציילען זייער רייכטום אין מי־ליאנען.

זעהר ווייניג פון די אידען האבען אבער געלעבט אין די שיינע קווארטאלען פון באגדאד. די מערסטע פון זיי, אפילו די רייכערע, האבען געלעבט אין „כארט איל יאהוד" (אידישער קווארטאל) — א רייע שמאלע, קרומע געסלאך וואו עס האט זיך קאנצענ־טרירט די אידישע געטא.

„כארט איל יאהוד" האט זיך ווייניג אונטערשיידט פון די אנדערע געס־לאך פון שטאט. אבער שבת און יום־טוב פלעגט מען די געסלאך פארקע־רען און אויספארבען די הייפען מיט בלויע קאלך. עס פלעגט זיך פיהלען די יום־טוב'דיגקייט אין די ווייסע פאר־הענגלעך אויף די שמאלע פענסטער, אין די ריינע, ציכטיגע קליידער פון די קינדערלעך און דערוואקסענע, אין די רוהיגע, שמייכלענדע אויגען — אי־דישע אויגען, וועלכע מען האט לייכט געקענט דערקענען אלס אידישע, ניט קוקענדיג דערויף, וואס די אידען פון באגדאד קליידען זיך ווי זייערע אראַ־בישע שכנים.

פון די שפיציגע מינארעטן האבען זיך פלוצים גענומען הערען די אויסרו־פען פון די „מואדזינס". עס איז גע־קומען די צייט פאר דער ערשטער תפילה און, ווי לויט אן אפגערעדטען צייכען, האבען די „מואדזינס" זיך גע־נומען אלע מיטאמאל ציקלען, ארויס־זינגענדיג דעם לויב פון אלמעכטיגען אללאה און דערמאנענדיג די גלויביגע, אז ס'איז צייט צו קומען אין מעטשעט דאווגען.

דער רוף פון מואדזין האט אויפגע־וועקט סענדער'ן, ארויסגעריסען אים פון זיינע געדאנקען. אים דערמאנט אז ער האט פאר זיך א וויכטיגע אויפ־גאבע, אז די צייט שטייט ניט. דער יונג האט פארשנעלערט זיין גאנג ווי עס האבען געטאן די אנדערע גלויביגע וואס האבען געוואלט זיך באוויזען צו דער תפילה. ער איז ניט אריין אין ערשטען בעסטען מעטשעט אויף זיין וועג. ער איז פארבייגעגאנגען א האל־בען טוץ פון געבעט־הייזער ביז ער איז צוגעקומען צום גרויסען באזאר פון ראוד פאשא.

אין די שמאלע געסלעך, וואו די זון פלעגט זעלטען צוקומען, האט גע־הערשט א קיהלקייט, אבער אריינקי־מענדיג אין גרויסען הויף פון מעטשעט האט סענדער דערפיהלט די ווארימ־קייט פון די אנגעגליהטע שטיינער, מיט וועלכע דער הויף איז געווען אויס־געפלאסטערט. די העלע זון האט אויף א סעקונדע פארבלענדעט סענדער'ס אויגען. ער איז געבליבען שטיין אין טויער און האט זיך ארומגעקוקט.

עס איז געווען א גרויסער, פיר־עקיגער הויף, ארומגעצאמט מיט א הויכער שטיינערנער וואנט. דארט וואו סענדער איז געשטאנען האט מען נאך געמעגט טראגען די שיך, אבער א צען טריט פון טויער איז געווען די „מחיצה" (אפטיילונג): זעקס מאר־מארנע זיילען אפגערוקט איינער פון צווייטען א שטרעקע פון צוואנציג פוס. צווישען דריטען און פערטען זייל איז געווען אריינגעבויט א קיילעכדיגער פאנטאן, וואס האט אנגענעם געמור־מעלט, שפריצענדיג וואסער אהן אן אויפהער. די זונענשטראלען האבען זיך געשפילט אין דעם צעדריבעלטען שטראם אויפבליצענדיג דא און דארט מיט אלע קאלירען פון רעגענבויגען.

ארום פאנטאן איז געווען אויסגע־בויט א קיילעכדיגע סאזשעלקע וואס איז געווען אנגעפילט ביז'ן סאמען ברעג מיט די וואסער. די סאזשעלקע האט געהאט א טוץ אפענע קראנען דורך וועלכע די וואסער האט זיך גע־גאסען. ביי די קראנען האבען די גלויביגע געוואשען די פיס נאכדעם ווי זיי האבען אויסגעטאן זייערע שיך און אוועקגעשטעלט אין „ערשטען הויף". די אפלויפענדע וואסער האט זיך גע־זאמעלט אין א שמאלער קאנאווע ארום דער סאזשעלקע און איז אפגעפלאסען דורך אומזעבארע רערען ערגיץ אין דער טיפעניש פון דער ערד.

(ווייטערס — מארגען)

# א לעבען פון טרזימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פאָרטזעצונג)

אידא האט אט־די שלעכטע נייעס אויפגענומען בראוו. זי האט ניט גע־טארט ארויסווייזען פאר איר מאן וואס זי פילט און ווי שווער דאס האט איר געטראפען. אלץ וואס זי האט פון איצט־אן געטאן איז געווען, אז זי זאל איר מאן גוט אפהיטען, ער זאל האבען מער רו און ניט צולאזען צו אים קיין זארגען און ערגערנישען.

עס איז געווען מארגען. סאל רובי־נאוו'ן איז די אלע יארען גארניט אויסגעקומען זיך צו פארטראכטען וועגען זיין אייגענער פערזאן. ער איז געווען איינגעשפאנט אין זיין ארבייט צו פירען די ביזנעס. ער האט זיך כסדר געיאגט, איינגעלייגט א וועלט און ניט געוואוסט פון קיין אפשטעל. און אט, ווייזט אויס, איז געקומען די צייט ווען ער האט געדארפט אפגעבען חשבון. וואס האט ער דערגרייכט, וואס האט ער אויפגעטאן מיט זיין האוועון? ער איז נאך קיין זעכציג יאר ניט אלט געווען און ער האט זיך שוין געפיהלט ווי אן אלטער מאן, צובראכען און גע־זונט, אויסגעשעפילט.

אז ער איז אינדערפרי געקומען אין זיין אפיס איז ביי אים דער אנשטעל נאך געווען ווי פריהער, אז עס האט מיט אים גארניט פאסירט. ער האט געגעבען ארדערס צו זיין סעקרעטא־רין, גערעדט אויפ'ן טעלעפאן, בא־שטעלט ווארע פאר זיין פעקטארי פון דרעסעס, און אז „באיערס" זיינען געקומען האט ער זיי אריינגעפירט אין זיין „שאו־רום", געוויזען זיי די נייע „סעמפעלס" וואס זיין דזשאינער האט צוגעגרייט; און אז מען איז צו אים געקומען פון א וועלכע־עס־איז גע־זעלשאפט פאר א „דאנעישאן", האט ער, ווי אלעמאל, געגעבען מיט א ברייט־טער האנט, און פון דעם פאראיין פון די לאנדסלייט זיינע איז דאך שוין אפגערעדט. דא האט ער אלעמאל גע־געבען זיין חלק נאך מיט א שולדיג־קייט געפיהל, פארוואס ער איז שוין פאר פילע יארען געווען פון זיי דער־ווייטערט.

סאל רובינאוו האט ביי אלעמען גע־האט א נאמען אלס א גוטער „געבער" און אלערליי געזעלשאפטען און סאַ־סייעטיס האבען זיך צו אים געווענדעט נאך הילף. און אפילו איצט, ווען ער איז געווארען אזוי ניט זיכער וואס ס'וועט ווייטער מיט אים זיין, האט ער אלץ ניט פארקלענערט די סומעס פון זיינע „דאנעישאנס". ער האט דעמאלט נאר ביי זיך געטראכט: קיינער ווייסט ניט וואס פאר א וואונד ער טראגט אין הארצען. ווי לאנג וועט ער עס נאך אזוי קענען געבען, אז עס הויבט מיט אים אן געהן בארג אראפ.

זיין זוהן סאני האט פון גארנישט ניט געוואוסט. ער איז ווי פריהער געקומען אין אפיס צום טאטען דע־מאלט ווען ער האט זיך גענויטיגט אין געלט. סאל רובינאוו האט זיין זוהן ליב געהאט ווי דאס לעבען, אבער גערעדט האט ער מיט אים אלעמאל נאר געצייגלט, געכאפטע ווערטער.

„העלא, פא!" — פלעגט אים סאני א זאג־טאן, ווען ער פלעגט דעם טא־טען זעהן אין דער היים, און ניט ווארטענדיג אויף קיין ענטפער איז ער שוין געווען אויף יענער זייט טיר.

איצט, אז סאני איז געקומען צו זיין טאטען בעטען געלט, האט אים סאל רובינאוו געגעבען מיט א כלומרשט פרייליכער און זארגלאזער מינע, ווי ער וואלט ניט וועלען, אז זיין זוהן זאל באמערקען ווי אויסגעשעפט זיין טאטע איז. עס האט זיך אים געדוכט, אז ער וועט מיט דעם אראפפאלען ביי זיין זוהן אין די אויגען... ער וועט ביי אים אנווערען דעם רעספעקט...

און סאל רובינאוו האט אויך געזוכט אפצוציהען וואס לענגער די צייט אויף צו האבען א שמועס מיט זיין זוהן, דערציילען אים וואס ער וויל פון אים, אז ער, סאני, זאל זיך אנהויבען מער פאראינטערעסירען אין זיין טאטענ'ס ביזנעס.

עס איז סאל רובינאוו'ן גאר פריקרע געווען, אז ער זאל דארפען מיט עפעס אנקומען צו זיין זוהן. זיין שטאלץ האט פון דעם געליטען. סאני ציט פון אים געלט ווי פון א קוואל וואס שעפט זיך קיינמאל ניט אויס. „פונדעסט־וועגען איז דאך שוין צייט, אז סאני זאל וויסען ווי עס האלט מיט זיין טאטען" — אזוי האט סאל רובינאוו אין זיך אלץ איבערגעטראכט. ער האט נאך אידא'ן, זיין ווייב, ניט דערציילט וועגען זיין פלאן אריינצוציען זייער זוהן אין די ביזנעס. נאר אין א שמועס מיט איר האט ער געפרואווט איצט צו דערוויסען זיך מערער ווי עס האלט מיט סאני'ן.

— זאג מיר כאטש וואס טוט ער איצט, אונזער זוהן? — האט ער איינ־מאל ביי איר געפרעגט. — דו ביסט דאך אין שטוב; ער זאגט דיר דאך מסתמא.

— דו מיינסט ער דערציילט מיר עפעס? — האט אידא זיך אפגערופען איינגעהאלטען, ווי זי וואלט וועלען אויסמיידען צו ריידען וועגען דעם.

שוין א לאנגע צייט ווי אים האט געמאטערט די פראגע: מיט וואס פארנעמט זיך איצט זייער זוהן? מיט'ן לערנען אין קאלעדזש איז שוין איינגאנצען אויס; אויפגעהערט לער־נען און א סוף. ער האט געזאגט, אז ער קלייבט זיך צו שרייבען א בוך. ער, סאל רובינאוו, האט געגעבען זיין זוהן גענוג געלט, אז ער זאל קענען רוהיג זיצען און שרייבען. און פון בוך איז ניט מען הערט און ניט מען זעהט. און די געשיכטע מיט דעם באזונדערען אפארטמענט, וואס סאני האט מיט זיין חבר גענומען, געפעלט אים אויך ניט. ער נעכטיגט א טאג דא און א טאג דארט. אים האט זיך געדאכט ווי זיין ווייב, אידא, פארבא־האלט עפעס פון אים. ער איז שוין געווארען אויפגערעגט, נערוועז.

— די קאר — האט ער זיך דער־מאנט — האב איך מיט א פאר טעג צוריק געדארפט נויטיג האבען, גע־דארפט ערגעץ צופארען, איז די קאר געווען ביי סאני'ן. מסתמא ארומגע־פארען ערגעץ מיט זיינע בחורים, מיט זיינע מיידלעך.

— דער גוטער יאר ווייסט אים — האט אידא א זאג־געטאן, און זי האט ארויסגעלאזען א שטילען זיפץ. עס איז קענטיג געווען, אז זי וויל פון דעם ניט ריידען, כדי ניט אויפצורעגען איר מאן און אויך ניט זיך אליין.

(ווייטערס מארגען)

# צוויי מערקווירדיגע קינפעטען אין א מאינער־שטעטל

(שלום פון פעירדוש 2)

וואוסט אויב עס עקזיסטירען אזעלכע ברואים אויף דער וועלט; איך בין געווען ביי זיי אין דער הייזקע איין מאל ביים קינפעט און א פאר מאל נאכדעם ווי די בעיבי איז געבוירען געווארען.

ס'איז מיר געווען אויפפאלענד דער באזוך פון די צוויי מענשען ביי מיר אין אפיס, און ווען כ'האב זיי ער־קלערט, אז מיין באקאנטשאפט מיט יענע וואלד־מענשען איז באגרעניצט בלויז אויף מיינע דריי פראפעסיאנעלע באזוכען אין זייער הייזקע, האבען זיי פארשטאנען, אז איך בין א ביסעל „גרין" אין דער געשיכטע, און זיי אליין האבען מיר גענומען געבען אינפארמאציע וועגען דעם ענין.

— ווי איך זעה, — האט דער מאן אנגעפאנגען — זייט איהר, דאקטאר, גאר ניט באקאנט מיט וואסערע וואלד־מענשען עס קומט אייך אוים צו האנד־לען. דער אלטער מאן מיט'ן הילצער־נעם פוס איז גאר ניט אזא נעבעכעל, ווי ער וויל מאכען יענעם צו גלויבען. אייך האט ער דערצעהלט א מעשה וועגען זיין איינינקעל. דער יונגער מאמע, אז איהר מאן איז אין דער ארמיי, אז ער געפינט זיך איצט אין אזיע, און נאך און נאך אזעלכע זאכען. אודאי קען קיינער קיין נביא ניט זיין. מיר ארבייטען אויף דער קעיס שוין עטליכע וואכען, און פאר אייער אינפארמאציע ווילען מיר אייך זאגען, אז דער אלטער מאן איז שוין אונטער גראַטעס און איז שוין פארזארגט מיט אלעמען.

ווען דער מאן אין מיין אפיס האט געזעהן, אז איך וואונדער זיך א ביסעל, האט ער מיר גענומען אויפקלערען די געשיכטע.

— דער קריפעל מיט'ן הילצערנעם פוס — האט ער מיר דערצעהלט — איז טאקע דער זיידע פון דער יונגער פרוי, זי איז אבער ניט פארהייראט און איז קיינמאל ניט געווען פאר־הייראט. דער פאטער פון דער נייער בעיבי, וואס איהר האט „דעליי־ווערט", ווי אויך פון דעם קליינעם מיידעלע, וואס איהר האט דארט גע־זעהן, איז דער אלטער מאן, דער זיידע פון דער יונגער מאמע. ער איז ביידע קינדער'ס טאטע. דער אל־טער האט זיך אין אלעם מודה געווען, און איז שוין איצט אין א זיכערען פלאץ. זיין איינינקעל אדער עכיצער אנדערש וועט שוין מעהר ניט מעוברת ווערען פון דעם אויסוואורף. די מאמע און איהרע צוויי קינדער האט מען אפ־געפירט אין אן אנשטאלט.

מיינע באזוכער האבען פארלאזט מיין אפיס, און איך האב א לאנגע צייט נאכדעם געטראכט וועגען דער געשיכטע.

### ערפארונג נומער צוויי

עס איז געווען ניט אזוי לייכט צוצו־קומען צו דער הייזקע. צוערשט א לאנגער געשלענגעלטער וועג אנגעוואר־פען מיט שטיינער און צווייגען פון צובראכענע ביימער, וואס האט גע־מאכט דאס שפאנען זעהר לאנגזאם און שווער. נאכהער האט מען געדארפט קלעטערען ארויף א הויכען, משופע'דיגען בארג, וואו די אלטע הייז איז גע־שטאנען איינזאם, אין א פארלאזענעם וואלד, א סימן פון מענשליכען לעבען פאר מיילען ווייט.

דער מאן וואס האט מיך געפירט צו זיין ווייב, וועלכע איז געגאנגען צו קינד, האט געטראגען מיין דאקטאר־בעג, און דאס האט אביסעל פארלייכ־טערט מיין משא. ער האט זיך אנט־שולדיגט פאר מיר וואס איך דארף דורכמאכען אזא שווערען „טריפ" און דורכמאכען אזא שווערען וועג און קלעטערען אויף א הויכען בארג צו זיין וואוינונג אין א ווילדען, פארלאַ־זענעם וואלד.

ער האט מיר גענומען דערציילען, אז ער האט א גרויסע פאמיליע, א בעל־מטופל מיט א סך קינדער. זיינע פארדינסטען סטאיען ניט צו דערנע־רען דאס הויזגעזינד, האט ער בא־שלאסען אויפצובויען די הייזקע דא אין וואלד, וואו מ'דארף ניט צאלען קיין רענט, מ'קען דא האדעווען הינער, א חזיר'ל, א קו, און אזוי קען מען זיך לייכטער אויסשלאגען די הוצאות. ער, דער קוילען־מאינער און וואלד־מענש, איז אליין געווען דער ארכי־טעקט און בויער פון זיין הויז. ס'איז ניט שווער זיך פארצושטעלען וואס פאר א „פאלאץ" דאס איז געווען.

אין דער דאזיגער הייזקע איז א פרוי געגאנגען צו־קינד, און ווי איך האב באלד אויסגעפונען, איז דאס געווען א גאנץ שווערע „קעיס": עס איז שוין דער דריטער טאג, אז די ווייבעל מוטשעט זיך. דא זיינען געווען א פאר פרויען פון מיילען־ווייט, וועלכע דער מאן האט גערופען צו קומען אים ארויסהעלפען. זיי אליין זיינען שוין געווען מיד און אויסגעמאטערט פון קנאפע דריי טעג און שלאפלאזע נעכט, וואס זיי האבען דא פארבראכט.

איך בין געווען ערשטוינט. כ'האב געפרעגט דעם באלעבאס, ווארום ער לאזט דער פרוי זיך מאטערען אזוי לאנג, פארוואס ער האט ניט גערופען דעם דאקטאר פריהער מיט א פאר טעג, האט ער מיר גענומען דערלאנ־גען פארשידענע תירוצים.

„ערשטענס, קומט־אן דא ניט אזוי לייכט צו קריגען א דאקטאר. פאר־געסט ניט, אז ס'איז א מהלך פון עטליכע־און־צוואנציג מייל ביז'ן שטעט־טעל, וואו דער דאקטאר וואוינט. און אפילו צו קריגען א קאר אדער טראַק, כדי צוצופארען צום דאקטאר, דארף איך שפאנען עטליכע מייל צו מיין נאהענטסטען שכן. דער וועג איז אזוי פארלאזען און צוקריפעלט, אז ס'נעמט שטונדען־לאנג ביז מ'קומט אהין. איב־ריגענס, — האט ער צוגעגעבען, — האב איך ניט גערעכנט, אז ס'וועט מיין ווייב אנקומען אזוי שווער צו האבען איר בעיבי. זי איז שוין ניט קיין ספרינג־טשיקען; זי האט שוין, ברוך השם, געהאט א דאזען קינדער. טא ווער־זשע קען וויסען, אז ס'וועט זיך אויסלאזען אזוי שווער?"

איך האב זיך פאראינטערעסירט מיט דעם דאזיגען וואלד־מענש און אים גענומען שטעלען פארשידענע פראגען. ער איז געווען אינגאנצען רוי, פארוואקסען, ווי ער וואלט זיין גאנצען לעבען פארבראכט אין א וויל־דערניש. פון אים האב איך אויסגע־פונען א סך איינצעלהייטען, וואס זיינען אפילו פאר מיר געווען א שטי־קעל נייעס. זיין ווייב האט שוין געבוי־רען צוועלף קינדער. און דאס איז ס'ערשטע מאל וואס ער איז געווען געצוואונגען צו געהן רופען א פאר שכנות פון מיילען־ווייט זיי זאלען קומען אים ארויסהעלפען, ווייל ער אליין האט אלעמאל באהאנדעלט זיין ווייב אין קימפעט אהן אירגענד וועלכע הילף — אהן א דאקטאר, אהן א הייבאם — אלעמאל אליין. ער האט אין דעם ניט געזעהן קיין אויסערגעוועהנליכעס; אט, למשל, ווי זיין קוה, וואס קעלבט זיך ביי אים אלע יאר, אדער א קאץ. ער זעהט ניט אין מיט וואס א פרוי איז אנדערש פון זיי? אט האט ער דאך געבראכט און אליין אפגענומען צוועלף קינדער ביי זיין ווייב, איינער אליין.

אויף מיין פראגע וויפיל פון די צוועלף קינדער לעבען איצט, האט ער מיר געענטפערט, אז לעבען געבליבען פון זיי זיינען אכט קינדער — פיר זיינען געשטארבען. ער האט קיינמאל אין זיין לעבען ניט געברויכט קיין דאקטאר. ווען זיינע קינדער פלעגען קראנק ווערען, האט ער אליין גענומען „קער" אויף זיי און געטאן אלעם וואס מ'קען טאן אונטער די אומשטענדען. כמעט אלעמאל פלעגען זיי געזונט ווערען, נאר פיר פון די קינדערלעך האט זיך אים ניט איינגעגעבען צו מאכען געזונט און זיי זיינען אוועק־געשטארבען. מסתמא איז דאס גאט'ס ווילען אזוי, האט ער צוגעגעבען.

ווען כ'האב צופעליג אריינגעוואר־פען א פאר ווערטער, אז א דאקטאר וואלט דאך פיליכט געקענט עפעס טאן צו ראטעווען די פארלוירענע קינדערלעך, האט ער מיר אפגעענט־פערט:

„נו, און ביי דאקטוירים שטארבען גארניט קיין חולאים?"

איך האב געזעהן, אז ס'איז נוצלאז מיט אזא מענשען צו ארגומענטירען.

ס'איז מיר אבער געווען אינטערעסאנט צו וויסן וואס ער האט געטאן אויף דעם ארט מיט די קינדער נאכדעם ווי זיי זיינען געשטארבן. [illegible] זיך איבערציינגט, אז זיי זיינען הילפ־לאז און עפעס ממשות'דיגס מוז גע־טאן ווערן, איז מען געקומען צום שכל, אז אפשר וואלט זיין ראטזאם צו רופען א דאקטאר.

ערשט דאן האט דער מאן געקראגען א טראק און געקומען מיך רופען צו זיין קימפעטאריו.

# נאַריכט וועגן נייע סענסאַציאָנעלע וואַפען וואָס אַמעריקע האָט געשאַפען

(שלוס פון פעידזש 2)

בכלל א געטשקע פון אטאם־וואפען. פאראן אויך אנדערע פראבלעמען, און איינינע פון זיי — ווי צו געפינען, למשל, א מעטאל געגען די „שנאר־קעלס" — זיינען פיליכט נאך וויכ־טיגער ווי אטאם־וואפען. באהויפטעט בעטשער.

בעטשער איז פון דער גרופע וויסענ־שאפטסלייט און שרייבער, וואס האל־טען, אז די רעגירונג דארף רעדען מעהר אפען מיט'ן פאלק; אז זי דארף ארויסזאגען דעם „אמת" וועגען דער האידראדזשען באמבע און די „שנאר־קעלס", כדי די עפענטליכע מיינונג זאל זיין מעהר אינפארמירט. דא רעדט זיך, נאטירליך, ניט וועגען ארויסגעבען מיליטער־סודות.

די רעגירונג, ווי מיר האבען פריער ערקלערט, לייקענט, אז זי איז איצט וויינינער פאראינטערעסירט אין „האי־דראדזשען" באמבעס ווי פריהער. קענטיג, אז איהרע הויפט וויסענ־שאפטסלייט און מיליטער־לייט האל־טען, אז מען קען, מען דארף און מען מוז שאפען אי האידראדזשען באמ־בעס, אי געוועגליכע אטאם־באמבעס. עס איז ניט אוממעגליך, אז איניכען וועט פרעזידענט טרומאן אליין מאכען אן ערקלערונג וועגען דעם און קלאר מאכען פאר'ן פאלק אמעריקע'ס שטאנדפונקט אין דער פראגע און די רעגירונגען ביז איצט, איינשליסענ־דיג די מיטלען געגען די „שנארקעלס".

אז אפילו קאנגרעסלייט זיינען ניט צו'גוט אינפארמירט וועגען דער לאגע, ועהט מען פון דעם, וואס איז פארגע־קומען מיט עטליכע טעג צוריק. סאמ־נער פאיק, עקטינג טשערמאן פון דער אטאם קראפט קאמיסיע, האט ער־קלערט, אז צוליב א נישטיגער סומע ווערט נעשטעלט אין געפאר די פרא־גראם מיט דער האידראדזשען־באמבע, מיט די געוועגליכע אטאם־באמבעס און מיט אנדערע אטאם־וואפען אין וועלכע אמעריקע פרואווט אנהאלטען איהר פארצוג איבער רוסלאנד.

וואס איז געשעהן? דער קאנגרעס האט נעשניטען 154 טויזענט דאלער פון דעם בודזשעט פון הונדערטער מיליאנען דאלער פאר דער אטאם־קאמיסיע. ס'איז, דוכט זיך, גאר ניט, אבער די 154 טויזענט דאלער זיינען זעהר וויכטיג, האט ערקלערט סאמנער פאיק.

עס האט זיך געהאנדעלט וועגען די געלט וואס די קאמיסיע צאלט צו צוויי גרויסע פירמעס פאר אנפירען מיט די שטעט אוק רידזש אין טענעסי, און לאס אלאמאס אין ניו מעקסיקא. דאס זיינען פון די וויכטיגסטע אטאמען־שטעט אין אמעריקע. צוויי קאמפא־ניס, וואס האבען ספעציעלע ערפארונג אויף'ן געביט, זיינען די מענעדזשערס פון די שטעט און א דאנק זייער מע־נעדזשמענט, זאגט פאיק, געהט די אטאמען־ארבייט אן גלאטיג. האט דער קאנגרעס איצט אבער געשניטען דעם בודזשעט פאר די צוויי קאמפאניס־ספעציאליסטען אויף העלפט. דאס יועט שטארק קאליע מאכען, ערקלערט פאיק, ווייל ניט נאר וועט עס אויפ־טרייסלען דעם לעבען און די ארדנונג אין די צוויי אטאמען־שטעט, נאר עס וועט אויך שאפען אן אומרוהיגקייט אין פארבינדונג מיט הונדערטער קאנ־טראקטען, וואס די אטאם־קאמיסיע האט געשלאסען.

— און אלץ איבער 154 טויזענט דאלער, וואס דער קאנגרעס האט אראפגענומען פון בודזשעט.

קאנגרעסלייט, הייסט עס, האבען ניט געוואוסט ווי וויכטיג עס איז דער בודזשעט פאר די קאמפאניס, וואס פארוואלטען מיט די אטאמען־שטעט. סאמנער פאיק באקלאגט זיך, אז קאנ־גרעסלייט ווייסען ניט פון פילע אטאם־פאקטען. פון דער צווייטער זייט זא־גען איינינע קאנגרעסלייט, אז די אטאם־קאמיסיע און די רעגירונג אין אלגעמיין האלטען זיי ניט גענוג אינ־פארמירט וועגען דער לאגע.

די אלגעמיינע מיינונג איז, אז זינט רוסלאנד האט אויפגעריסען איהר ערשטע אטאמען־באמבע אין סעפטעמ־בער 1949 האט זי שוין געשאפען עט־ליכע צענדליג באמבעס אזעלכע — אויב ניט מעהר — און זי וועט אין 1952 זיין גרייט דורכצופירען אן אטאקע, וועט דאס פארקומען אין 1952. דערוויילי איז קלאר, אז אמע־ריקע איז פאר אן אטאקע ניט צוגע־גרייט. עס פעהלט נאך אלץ א פלאן צו באשיצען די שטעט אין פאל פון אן אטאם־אטאקע; ערשט אין סעפ־טעמבער, ערווארט מען, אז די פעדע־ראלע רעגירונג זאל אזוינס פארלעגען.

די טעג איז אויך באקאנט געווארען, אז אויף געוויסע געביטען פון דער „ריינער" טעארעטישער וויסענשאפט איז אמעריקע הינטערשטעליג אין פאר־גלייך מיט אנדערע לענדער. עס הערט זיך, אז אויף איין געביט האבען די וויסענשאפטליכע פארשונגען אין ענג־לאנד א „פארצוג" אויף 10 יאר, ווען מען פארגלייכט זיך מיט אמעריקע. טעארעטישע וויסענשאפט איז דער פונדאמענט פון פראקטישער וויסענ־שאפט. די עקספערימענטען וואס מען מאכט היינט ווערען אנגעווענדעט אין דער פראקטיק מארגען, זיינען טאקע אמעריקאנער רעגירונג'ס פירער בא־זארגט איבער דעם, וואס בעת מיר זיינען אין פראקטישער וויסענשאפט אזוי ווייט אוועק, הינקען מיר אונטער אויף געוויסע געביטען פון טעאריע, פון פארשונג. דער סטעיט דעפארט־מענט פלאנט צו שיקען וויסענשאפטס־לייט אין אנדערע לענדער צו קריגען פאקטען וועגען די אנטוויקלונגען דארט. סעקרעטערי אוו סטעיט עטשי־סאן וועט האבען א ספעציעלען וויסענ־שאפטליכען געהילף.

ווי געזאגט, איז גאנץ מעגליך, אז פרעזידענט טרומאן אדער אן אנדער גאר הויכער באאמטער זאל אין די נעקסטע עטליכע וואכען לאזען דעם פאלק וויסען, וועגען א טייל פון די אויבענדערמאנטע פראגען — אמערי־קע'ס וואפען־ דערגרייכונגען, איהרע פלענער צו אנטוויקלען די טעארעטישע און פראקטישע וויסענשאפט, די צו־גרייטונגען געגען א מעגליכער אטאם־אטאקע. אפשר וועט ער אויך אין דער זעלבער צייט קענען באריכטען פרעהליכערע נייעס — אז די שלום־אויסזיכטען ווערען אלץ בעסער, די קאלטע מלחמה האלט זיך אין ענדיגען, און מען וועט די אלע צוגרייטונגען, האפענטליך, ניט דארפען נוצען. הלוואי.

## דזשולערי יוניאַן פאַרבאַט קאַמוּניסטען צו זיין באַאַמטע

די אינטערנעשאנעל דזשולערי אר־בייטער יוניאן האט אמענדירט איהר קאנסטיטוציע, וואס פארבאט קאמו־ניסטען צו זיין באאמטע.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

סאל רובינאוו האט זיך איצט מיט אמאל געכאפט, אז ער קען גאר ווייניג זיין איינציגען זוהן. ער האט אים ווע־ניג פארשטאנען, און איינגאנצען זיינען זיי, ער און זיין זוהן, געווען ווי אפגע־פרעמדט איינער פונ'ם אנדערען. פון קינדווייז'אן איז סאני געווען אין דער היים פארוויגט אלס א וואונדער־קינד מיט געוואלדיגע, אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטען און מען האט דערוואַרט פון אים גרויסע זאכען. און אט איצט, אז סאל רובינאוו ניט נאר פון זיין זוהן א טראכט, גלויבט זיך אים שוין ניט, אז זיין זוהן איז טאקע אזוי גרויס.

זיין לערנען אין קאלעדזש איז אויך געווען אהן א שום ציל. ער האט עפעס אנגעהויבען, סאני, און באלד האט ער עס אוועקגעווארפען. עפעס איז ער כסדר פארנומען מיט לופטיגע זאכען, וואס האבען ניט קיין האפט, מיט נעכטיגע טעג. סאל רובינאוו'ן האט עס שטארק וויי־געטאן, און ער איז א סך מאל געווען אין כעס אויף זיך אליין. אזא טאטע ווי ער האט געמעגט וויסען מעהר פון זיין זוהנ'ס אויפ־טואונגען. עס איז זיין אייגענע שולד. ער האט זיך געלאזט צופיל איינ־שלינגען פון זיינע ביזנעס. צופיל איז ער געווען פארנומען מיט איינפונ־רעווען א פעסטען לעבען פאר זיך און זיין פאמיליע, און דעם עיקר האט ער דורכגעלאזען.

ער האט הנאה געהאט פון געבען זיין זוהן געלט מער וויפיל ער האט פארלאנגט. ער האט זיין זוהן צופיל נאכגעגעבען. איצט זעהט ער דאס איין. און קיינמאל האט ער אים ניט פארנאנדערגעפרעגט צופיל וואס ער טוט מיט זיך און מיט וואס געהט בייאים אוועק די צייט. אפשר האט ער עס געטאן צוליב דעם, אז זיין זוהן זאל מערער האלטען פון אים? האט ער דען געשטעלט זיין זוהן העכער פון זיך? עס איז מארגע. ער, סאל רובינאוו, האט אין זיין יוגענט אמאל אין דערהיים אויך געלערנט. ער האט שטודירט אין אוניווערסיטעט און ער איז נאך געווען אפגעגעבען צו הויכע אידעאלען. „און וואס איז סאני'ס אידעאל?" — האט ער מיט א ביטערען געפיהל א טראכט געטאן. „וואס פארבינדט אים מיט זיין זוהן, טאקע אין דער אמת'ען? ניט דער אמאל און ניט דער היינט. ער און זיין זוהן זיינען פרעמדע."

פארנאכט, אז סאל רובינאוו איז פון זיין אפיס געקומען אהיים, איז ער געווען צעערגערט און נערוועז. זיין שעהנע היים מיט די סך צימערען האט אים ניט געווארעמט. געגעסען האט ער אהן אפעטיט. נאך סאפער האט ער געהאט א געוואוינהייט זיך צו לע־גען אויפ'ן דיוואן ביי אים אין קא־בינעט, נאר אין יענע טעג האט ער ניט געקענט איינליגען רוהיג, א צע־קלעמטער פון די גדאנקען וועגען זיין זוהן. אידא, זיין ווייב, האט אים גע־רופען טרינקען א גלאז טעי, איז ער אריין אין ליווינג־רום און זיך געזעצט צום טיש. נאך א ווייל זיצען און שווייגען האט ער מיטאמאל געמאכט א רייד וועגן סאני'ן:

— נו, איצט איז ער ווידער ניטא. וואו געפינט ער זיך איצט, סאני? — ארדבה, זאג. איך וויל דאס טאקע וויסען.

סאל רובינאוו איז געווען זעהר נער־ווען די לעצטע צייט. ער האט ניט גע־קענט ריידען געלאסען. א קליינינקייט האט אים אויפגערעגט. פון צו־פיל גריזשען זיך דאס הארץ איז ער ארומ־גענאנגען האלב־קראנק. און אידא האט גערעדט צו אים פארזיכטיג, אום אים ניט אויפצורעגען:

— אויב דו דארפסט אים האבען נויטיג, סאני'ן, וועל איך אים זאגען.

— אוודאי דארף איך אים האבען! — האט סאל רובינאוו מיט כעס זיך א ווארף געטאן — איך האב געמיינט, דו וועסט אליין פארשטעהן. איך דארף אים אין אפיס, מיר ארויסצוהעלפען.

אידא האט זיך איינגעקוקט אין איר מאנ'ס פנים. ווי ער איז מיד און פאר־עלטערט! די שיטערע גרויע האר, און די נערוועזע באוועגונגען זיינע. ער האט זיך ניט צוגערירט צום טעי, נאר גענומען ארומשפאנען איבער דער שטוב. עס איז איר ניט געפעלען איר מאנ'ס פארלאנג, אז סאני זאל אר־בייטען מיט אים אין אפיס, נאר זי האט ניט געהאט קיין הארץ אים אויפ־צורעגען נאך מעהר. האט זי געשווי־גען שטיל.

— איז וואס זאגסטו, אידא, וועגען אונזער סאני'ן? איך וויל אים אריינ־ציהען אין די ביזנעס. ביסלעכווייז. א סך טאטעס האבען עס געטאן און עס איז ארויסגעקומען גוט. דו ווייסט דאך.

— ער וועט דאס ניט וועלען, סא־ני, — האט אידא געדרעהט מיט דעם קאפ אויף „ניין".

סאל רובינאוו האט אנגעקוקט ווילד זיין ווייב.

— וואס הייסט, ער וועט ניט ווע־לען? וואס רעדסטו עפעס? עס שטעהט אים ניט אן?

— איך קען סאני'ן בעסער ווי דו.

— האט אידא געמיהט זיך צו רעדן רוהיג. — ער וועט ניט וועלען הערען פון דעם, צו ארבייטען מיט דיר אין אפיס.

מען מוז זאגען דעם אמת, אז אי־דא'ן אליין האט זיך דאס אויך ניט געלייגט אויפ'ן שכל: ער, סאני, מיט זיין וויסען, מיט זיין געלערנטקייט! און זי האט גענומען אפריידען איר מאן:

— עס גלויבט זיך מיר ניט, ער זאל זיך אויסטויגען צו אזא ארבייט.

— ער וועט זיך ניט אויסטויגען? אזוי זאגסטו? — האט שוין סאל רו־בינאוו ניט געקענט איינהאלטען זיין כעס, און ער האט זיך צעשריען הויך אויפ'ן קול: — און אויף וואס יא טויג ער זיך אוים? אויף שלאפען ביז נאך האלבען טאג? אויף ארומפארען מיט דער קאר איבער דער שטאט מיט חברים? אויף ארויסציהען געלט פון זיין טאטען?

— שריי ניט, סאל, — האט אידא געפרואווט איינגעמען איר מאן מיט גוטען. — דער באי אונזערער האט זעלטענע פעאיגקייטען. פארגעס ניט, אז ער איז ניט ווי אנדערע קינדער.

— איך האב דאס שוין דאס פון דיר געהערט א הונדערט מאל! — האט סאל רובינאוו זיך ניט געלאזען איינ־רעדען — אוואו איך וועל ניט זעהן קיין רעזולטאטען . . .

— וואס, דענקסטו, וועט ער קענען טאן ביי דיר אין אפיס?

— עס איז דארט גענוג פאראן וואס צו טאן. — האט ער נאך אלץ גע־רעדט צו זיין ווייב מיט רוגזה — ער וועט קענען אריינקוקען אין די רע־כען־ביכער, צי רעדען מיט א „באיער", זיך באקענען מיט דעם גאנצען גאנג פון דער ארבייט. א ביזנעס דארף האָ־בען אן אייגענעם מענשען.

— ער איז נאך אפשר צו־יונג פאר דעם, אונזער סאני... — האט אידא נאך אלץ געוואלט אפווענדען איר מאן פון דער גאנצער זאך. — ער האט נאך צייט צו איינשפאנען זיך אין ארבייט.

— איז וואס־זשע, דו האסט נאך גארניט א טראכט געטאן וועגען עפעס א תכלית פאר אונזער זוהן? — האט איר מאן זיך אפגערופען מיט א סאראקסטישען טאן.

עס איז געווען אמת, אז אידא האט ניט געטראכט גאר וועגען א תכלית פאר איר זוהן. ביי איר איז סאני נאך אלץ געווען דאס וואונדער־קינד, דער שיינדעל פון איר לעבען, פאר וועמען זי דארף זיך זארגען טאג און נאכט. זי האט נאך אלץ פון אים דערווארט גרויסע זאכען.

סאל רובינאוו האט נאך א לאנגע צייט ניט געקענט זיך בארוהיגען:

— וואס הייסט? אז מען זאל פון א זוהן ניט קענען גארניט פארלאנגען? עס איז דאך פאר אים אלץ, פאר זיין איינענער צוקונפט. שפעטער וועט דאך די גאנצע ביזנעס באלאנגען צו אים!

(ווייטערעס מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

סאל רובינאוו'ן איז מיט אמאל געווארען קלאר ווי ער האט זיך אליין די גאנצע צייט גענארט. פאר וועמען האט ער דען געארבייט, איינגעריסען א וועלט? ער האט געהאפט, אז מיט דער צייט זאל זיין זוהן איבערנעמען אויף זיך די עבודה, פארטזעצען דאס, וואס זיין טאטע האט אנגעהויבען. און ער, סאל רובינאוו, זאל וויסען, אז זיין מיה איז ניט געווען אומזיסט. ער האט פאר זיין זוהן אויסגעטראטען א וועג, און איצט האט ער זיך געפיהלט ווי פון הימעל אראפגעפאלען. ער האט זיך אזש געכאפט פאר'ן קאפ. אויב עס זאל אזוי ווייטער געהן, וועט זיין סאני נאר צעטאכלעווען דעם פארמעגען זייערען, וואס ער, סאל רובינאוו, האט מיט אזוי פיל מיה זיך דערווארבען, און זיי וועלען אלע בלייבען ביי גארניט.

אין דער מינוט האבען זיך צו אידא'ן ניט ווילענדיג איבערגעגעבען איר מאנ'ס ספקות און זיינע זארגען. מאן און ווייב האבען דערווייל שוין מעהר פון דעם ניט גערעדט. זיי זיינען ביידע נאך געבליבען זיצען א לאנגע ווייַלע אין ליווינג-רום, יעדערער פון זיי פארזונקען אין די זעלביגע געדאנקען. ביידע האבען זיך דעמאלט געפיהלט ווי אויסגעליידיגטע. ס'האט זיי אזוי באנג געטאן פאר עפעס! ביידע האבען אויסגעקוקט מיד און ערשעפט, מיט גרויע האר אויף זייערע קעפ, און געעלטערט פאר דער צייט.

### פינף און פערציגסטער קאַפּיטעל

און אידא, סאל רובינאוו'ס ווייב, האט אלץ געזעהן, וואס עס טוט זיך אפ מיט איהר מאן, ווי ער ערגערט זיך אזוי וועגען זייער זוהן. זי האט איהם ניט געקענט זאגען, איהר מאן, אז זי אליין האט איהרע אייגענע ספקות וועגען זייער זוהן סאני'ן. דאס הארץ איז איהר געווען שווער, און פאר וועמען זיך אויסצורעדען האט זי ניט געהאט.

אוודאי איז סאני ביי איהר נאך אלץ געווען דער שטאלץ, די האפענונג פון איהר לעבען. זי האט אין הארצען ביי זיך געגלויבט, אז ער וועט נאך אמאל אויפטאן גרויסע זאכען. האט ער דען ניט געקראגען די העכסטע אויסצייכענונגען אין סקול ווען ער האט געלערנט. אויב ער איז נאך ניט דערווייל דאס, וואס ער האט געדארפט זיין, איז דאס געוויס ניט זיין שולד. זי ווייסט ניט וועמעס שולד דאס איז. אז סאני רעדט מיט איהר קיינמאל ניט וועגען דעם, און זי אליין וועט זיך ניט דערלויבען צו פרעגען ביי איהם אזעלכע פראגעס.

אידא'ן דוכט זיך א סך מאל ווי איהר זוהן לעבט עפעס גאר אין אן אנדער וועלט, וואו זי קען ניט דערגרייכען און ניט צוקומען. אזוי אפגעפרעמדט איז ער עפעס פון זיין טאטע-מאמע. און זי ווייסט ניט ווי אזוי עס איז געקומען דערצו. אידא לעבט איצט דורך די גרעסטע אנטוישונג אין איהר לעבען.

האט זי דען ניט גע'חלום'ט, אז זי וועט זיין איינס מיט איהר זוהן. ער וועט איהר אלץ פארטרויען. זי איז דאך פארט ניט קיין פארגרעבטע פרוי. זי איז א פראגרעסיווע מאמע, און זי האט אלע מאל געלאזען איהר זוהן טאן פריי אלץ וואס ער וויל. פארוואס זאל ער, סאני, ניט וועלען אמאל זיך אוועקזעצען מיט דער מאמען, דערצעהלען איהר וואו ער געהט און אין וואס ער איז פאראינטערעסירט? אויב זי וויל זיך עפעס מעהרער דערוויסען פון איהם איז נאר דורך דעם וואס זי הערט זיך אונטער ווען ער שמועסט אמאל מיט זיינע חברים.

אידא האט די לעצטע צייט אלץ אפטער זיך אליין געפרעגט: „קען דאס זיין אז זי האט דא עפעס געטאן ניט גוט? זי האט עפעס פארזעהן אין דעם אופן פון דערצעהלען אזא קינד ווי סאני?" דוכט זיך זי האט אלע מאל נאכגעגעבען זיין יעדען פארלאנג. אזוי נאך ביז'ן היינטיגען טאג. זי קוקט איהם כסדר אין די אויגען אויף וועלען צוטרעפען איהם. און אז ער זאגט איהר עפעס, איז זי באלד מיט איהם איינשטימיג. ער איז דאך פארט אזוי געלערנט. ער איז אין דעם אויף אזוי פיל העכער פון איהר, טאקע אין דער אמת'ן. זי פיהלט זיך אפט קליין און געפאלען אנטקעגען אזא זוהן...

עס טרעפט אמאל ווען אידא'ן דוכט זיך, אז איהר זוהן איז מיט עפעס ניט גערעכט, וועט זי זיך מיט איהם ניט שפארען. צוליב איהר שלעכטען ענגלישען אקצענט וועט זי בעסער אלץ פארשווייגען. די מורא אז איהר זוהן זאל ניט האלטען פון איהר, איז ביי איהר גרויס. און זי איז גרייט צו טאן אלץ אין דער וועלט צו געווינען אביסעל ליבשאפט און אנערקענונג פון איהר זוהן, סאני'ן. עס איז א נעבעכדיגע לאגע. און עס ליידט דורך דעם דער שטאלץ אידא'ס. נאר קיינמאל וועט זי דאס פאר קיינעם ניט ארויסגעבען.

אידא פיהלט זיך זעהר עלענד די לעצטע צייט. בייטאג, ווען זי איז אליין אין שטוב, ראמט זי און פוצט איהר רייכע הויז מיט די סך שעהנע צימערען. נאר קיינער קומט ניט צוגעהן. אידא איז איצט מיט גאר ווייניג מענשען פארבונדען. זי האט עפעס אפגעוואוינט זיך פון האבען פריינט ארום זיך. אנדערע פרויען, וואס זי האט געקענט האבען, באלאנגען צו אלערליי געזעלשאפטען און סאסייעטים. זיי האבען געהאט אויף דעם גענוג צייט. נאר זי, אידא, האט אזוינס ניט געקענט טאן. זי האט געהאט איין ארבייט, צו אפגעבען זיך מיט איהר זוהן. קיינמאל האט זי זיך ניט דערלויבט אוועקצוגעהן פון שטוב אויף א לאנגע צייט, ערגעץ פארברענגען, זעהן זיך מיט מענשען. זי האט אלץ אין זינען געהאט טאמער וועט סאני קומען צוגעהן און ער וועט איהר דארפען האבען.

זי האט זיך אפגעזאגט פון אלץ. איצט פיהלט זי ווי זי איז עפעס אפגעריסען פון דער וועלט. אז זי קוקט אריין אין א אידישער צייטונג, זעהט זי ערשט ווי הינטערשטעליג זי איז. זי זעהט ווי אנדערע פרויען געהען מיט מיט'ן לעבען. זיי טוען אויף זאכען פאר זיך און פאר דעם כלל. און זי איז זיי מקנא.

עס טרעפט אמאל אין א בייטאג, ווי אידא קלייבט זיך אויס צו פארען זעהן איהר פארהייראטע טאכטער, דאראטי'ן. דאראטי וואוינט ווייט פון איהר, אין לאנג-איילענד. דאראטי'ן לעבט זיך גוט. און אידא וואלט געקענט האבען איצט נחת פון איהר טאכטער. נאר דאראטי נעמט אויף מעהרערע מאל קאלטליך איהר מאמען. מיידעלוויז, אז זי איז נאך געווען אין דערהיים האט זי געזעהן ווי די מאמע ווייזט ארויס מעהר ליבשאפט צו איהר ברודער סאני'ן ווי צו איהר. איז זי נאך איצט אויך אייפערזיכטיג אויף סאני'ן. און וויפיל אידא זאל ניט וועלען דערנעהענטערן זיך צו איהר טאכטער און ארויסווייזען איהר געטריישאפט, העלפט דאס ניט. און אידא טראכט דעמאלט אומעטיג ביי זיך:

„וואס פאר א נאריש קינד, די דאראטי. ווי זי פארשטייט דאס ניט, אז סאני איז אנדערש... א קינד צו א קינד איז ניט גלייך.

און אזוי איז איצט אידא'ן ארום און ארום שלעכט. און שפעט בייינאכט ליגט זי אין בעט א צוערגערטע לעבען איהר שלאפענדיגען מאן. סאל רובינאוו איז אויסגעפאלען א מידער נאך א טאג פון ארבייט און גריזאטע. נאר אפילו אין שלאף קען ער ניט זיין רוהיג און ער ווארפט זיך כסדר פון איין זייט אויף דער אנדערער. און פון צייט צו צייט לאזט ער ארויס א מארנעם ברום, ווי ער וואלט איצט געהאט שווערע חלומות.

אידא זיפצט אפ פילענדיג די אומרוהיגקייט פון איהר מאן. זי אליין קען נאך ניט אנטשלאפען ווערען. זי הערט זיך איין צו יעדער שארך פון איהר גרויסער הויז. סאני וועט היינט קומען אהיים נעכטיגען אדער ניט? וואו קען ער איצט זיין, סאני, מיט וועמען פארברענגט ער? דורכ'ן טאג קלינגט דער טעלעפאן. די חברים זיינע פרעגען זיך אויף איהם. עס טרעפט אז זיינע א באקאנטע מיידעל רופט אפ. דאס הארץ געהט איהר אויס צו וויסען מיט וועלכע סארטען מיידלאך ער פארברענגט. ווער זיינען זיי? אזא דעליקאטער עניין, ווי א מיידעל פאר סאני'ן. א כלה אפשר. און זי, אידא קען אפילו ניט צוטרעטען צו איהר זוהן מיט פראגעס וועגען דעם. זי ווייס, ער וועט ניט זיין צופרידען.

(ווייטערעס מארגען)

# ווי עס לעבען די נאַרט-אַפריקאַנישע אידען אין די די-פי לאַגערן פון מאַרסעי

(שלום פון פעריזש 2)

געשטארבען ערשט מיט 2 יאר צוריק. מיין דערצעהלער האט א שווערען זיפץ געטאן און באדויערט וואס זיין פאטער האט ניט געלעבט כאטש נאך צוויי יאר, אז ער זאל צו 105 יאר זיין איצט מיט אים צוזאמען.

## מען לערנט זיי עסען און לעבען ווי מענשען

זעהר פיל אכט ווערט אין לאגער געלעגט אויף דער ערציאונג פון די קינדער. צו דעם צוועק זיינען פאראן צוויי שולעס, אין וועלכע עס לערנען איבער 200 קינדער אין עלטער פון 6 ביז 14 יאר. זיי לערנען 6 שעה אין טאג. צו דעם צוועק זיינען דארט באשעפטיגט פיר לערער; צוויי פון ישראל און צוויי פון די עולים גופא. חוץ דעם איז אויך פאראן א גן-ילדים (קינדער-גארטען), וואו עס געהען יעדען טאג צוויי הונדערט קינדער אין עלטער פון 3 ביז 6 יאר. די דאזיגע קינדער ווערען יעדען פרימארגען צוגענומען ביי זייערע עלטערן און ווערען צוריק אפגעגעבען אווענט-צייט. ווען מען קוקט זיך צו צו די קינדער ווען זיי ווערען געבראכט אין לאגער אריין און מען זעהט זיי אין א צייט ארום ביים געהן אין דער שולע אריין, איז זיי פשוט ניט צו דערקענען. און ניט בלויז זייטיגע מענשען דערקענען ניט די דאזיגע קינדער, נאר אפילו די אייגענע עלטערן דערקענען זיי ניט; און שטעלט אייך פאר, אז אויך די קינדער דערקענען שוין ניט זייערע אייגענע עלטערן. די קינדער, וואס הויבען אן לייענען, שרייבען, צייכענען און מאכען פארשידענע האנט-ארבייטען, ווערען טאקע אמת'ע מענשען. מיט א צייט צוריק האבען זיי נאך ניט געוואוסט ווי אזוי מען עסט מיט א לעפעל.

עס ווערט דא אין א גרויסער מאס אויך געזארגט דערפאר, אז די דערוואקסענע זאלען באקומען א געוויסע איבערערציאונג. צו דעם צוועק קומען פאר אין די שבתים און זונטאגען פארלעזונגען, וואו מען רעדט צו די ערוואקסענע וועגען פראבלעמען און אויף אזא אופן, ווי מען רעדט צו 3, 4 יעריגע קינדער. געצעהלטע פון די ערוואקסענע מענער קאנען עפעס שרייבען אדער לייענען. די פרויען קאנען אבסאלוט גארניט. זיי קאנען בלויז לייענען אין די אלטע, צוריסענע ספרים וואס זיי האבען געבראכט מיט זיך.

צו עסען באקומען די דאזיגע מענשען אין די טראנזיט-לאגערן זעהר גוט. ווען זיי קומען אהער, זיינען זיי אזוי אויסגעהונגערט, אז זיי דארפען אויפעסען מער ווי א קילאגראם ברויט א טאג, און צוויי וואכען ארום דארפען זיי שוין ניט מער ווי דריי פערטעל קילא, און גאר צום סוף, עסען זיי א האלבען קילא נארמאל א טאג. זיי באקומען דריי מאל אין טאג (קינדער פיר מאל) נארהאפטיג, פעט און גוט עסען. די עלטסטע פון יעדער משפחה קומען דריי מאל א טאג אין דער הויפט-קיך, וואו זיי נעמען אין עמערס אריין די געהעריגע צאל פארציעס עסען פאר אלע משפחה-מענשען. אין די באראקען ווערט דאס שפעטער צוטיילט אין שיסלען פאר יעדען באזונדער. יעדען טאג ווערען אויך ארויסגעגעבען ספעציעלע צוגעגרייטע 200 פלעשלעך מילך, אזוי-גערופענע „מאמקעס", פאר די גאר קליינטשינקע קינדער. בכלל לעגען די פארוואלטער און ערציהער גרויס אכט אויף דער ערנעהרונג פון די קינדער, און ווילען דאס ניט איבערלאזען פאר די מאמעס און טאטעס.

מיט העכער א יאר צוריק, ווען די אידען פון די מוסולמאנישע לענדער האבען אנגעהויבען אנקומען אין די מארסעיער לאגערן, איז פלוצלונג אויסגעבראכען א גרויסע שטערבליכקייט פון די קליינע קינדער. קיינער האט ניט געקענט באגרייפען פון וואנען דאס נעמט זיך. דער „דזשאינט" פלעגט צושטעלען גענוג מילך, צוקער, קאקא, שאקאלאד, מאנע-קאשע און אלץ אין וואס עס נויטיגען זיך נייגעבוירענע קינדער. אויך די דאקטוירים פון „אזע" האבען ניט פעסטגעשטעלט קיין שום קראנקהייט, און דאך זיינען פיל קינדער געשטארבען. ארויסגעוויזען האט זיך צום סוף אט וואס: די פושקעס מילך, דעם צוקער, שאקאלאד, וואס פלעגען געגעבען ווערען פאר די קינדער, האבען די מאמעס אליין אויפגעגעסען; זיי זיינען געווען שטארק אויסגעהונגערט, האבען זיי דעם הונגער געוואלט זעטיגען. די קינדער, דאגעגען, זיינען פון הונגער געשטארבען. אויסער דעם — האט מען מיר דערצעהלט — איז בכלל די באציהונג פון די דאזיגע מאמעס צו זייערע קינדער ניט אזא, ווי מיר זיינען דא געוואוינט. אפילו נאך איצט, אויב מען גיט עפעס פאר די קינדער און אויב מען קוקט אוועק, כאפט די מאמע עס אריין אין מויל. דערפאר ווערט גרויס אכט געלעגט אויף דער ספעציעלער באשפייזונג פון די קינדער, ווייל אויף די עלטערן קאן מען זיך זעהר ווייניג פארלאזען.

עס זיינען אפילו געווען פאלען ביים אנקומען אין די לאגערן, ווען א טייל מאמעס האבען זייערע קינדער פארקויפט צו אנדערע פאר א שאכטעל קאנסערוון אדער פאר א קליידעל. און וואס מיינט איהר האט די צווייטע פרוי געטאן מיט „געקויפטען" קינד? זי, ווידער, האט עס פארקויפט אן אנדערער. אגב, האט מען אזא קינד אזוי לאנג פארקויפט פון האנט צו האנט ביז עס איז געשטארבען.

ניט אלע קינדער אבער געפינען זיך דא אין לאגער. פאראן עטליכע הונדערט אומגליקליכע, וואס געפינען זיך אין א ספעציעלען שפיטאל, וואו זיי ווערען געהיילט פון א פארך. וועגען מיין באזוך ביי זיי — אין נאהענטסטען ארטיקעל.

# טראַגישע געשיכטע פון 80 מענשען אין אַ רעטונגס-שיפעל

(שלום פון פעריזש 2)

דאן האט זיך דער אפיצער מעקענזי אנגערופען צו מיר: „איר זעהט נישט, אז זיי וועלען אונז אלעמען אויס-הרג'ענען?"

איך האב אים געפרעגט וויפיל מענשען מיר זיינען צוזאמען, אז מיר זאלען די מערדער קענען ארייינווארפען אין ים. בייינאכט האט מעקענזי גערעדט מיט אנדערע און האט מיר געזאגט, אז עס זיינען דא 14, וואס זיינען גרייט צו באקעמפען די מערדער.

מיר האבען זיך ארונטערגערוקט פאמעליך ביז מיר אלע האבען ארומגערינגעלט די פינף. „אט קומען זיי!" האט איינער פון זיי א געשריי געטאן און האט א כאפ געטאן א פלאש. איינער פון אונז איז צוגעלאפען צו אים און די פלאש האט א קראך געטאן איבער זיין קאפ. צוויי פון די מערדער האבען אים ארייינגעווארפען אין ים. דאן האבען מיר זיך אלע א ווארף געטאן אויף זיי. מ'האט זיך געשלאגען און געריסען ביי די העלזער ביז מיר האבען זיי אלע פינף ארייינגעווארפען אין ים. דריי האבען זיך צוריק אנגעכאפט ביים שיפעל, אבער מיר האבען זיי געהאקט איבער די פינגער, ביז זיי האבען אפגעלאזט און זיינען פארשוואונדען.

איין טאג האט גערעגנט. איך וועל דעם טאג נישט פארגעסען. מיר זיינען אלע געווען צעברענט פון דער זון. מיר האבען געשלונגען דאס וואסער מיט אפענע מיילער. דערנאך האבען מיר אנגעפילט די פלעשער מיט וואסער.

ענדליך איז איבער אונזער שיפעל געקומען צופליהען א סטאדע מעוועס. זיי האבען געקרייזט ארום אונז און האבען זיך אפגעשטעלט אויפ'ן שיפעל און אויף אונזערע קעפ. דאן האבען מיר זיך א שליידער געטאן אויף זיי און מיר האבען געכאפט זיבען פון די גרויסע ווייסע פייגעל. לעבעדיגערהייט האבען מיר זיי צעריסען און געגעסען שטיקער. אזוי ווי וועלף האבען מיר זיי געגעסען.

אזוי זיינען מיר געשוואומען אינ'ם שיפעל שעה נאך שעה און טאג נאך טאג. מיר זיינען ענדליך געבליבען בלויז זיבען אין שיפעל. דארים לים, א סאלדאט, פיר יאוואנעזער און איך.

פלוצים האט מיך א געשריי פונ'ם סאלדאט אויפגעוועקט: „העלף מיר! העלף מיר!" האט ער געשריען. צוויי פון די יאוואנעזער האבען אים געשלאגען איבער'ן קאפ מיט שטיקלעך אייזען פון שיפעל. א דריטער האט זיך געקליבען אים איבערשניידען דעם האלז. זיי זיינען אהן צווייפעל געווען משוגע.

איינער פון די יאוואנעזער איז יענע נאכט געשטארבען. אין דער פינסטער בין איך ארויסגעקראכען און האב די שטיקער אייזען אריינגעווארפען אין ים. אויב זיי וועלען זיך נעמען צו מיר און צו דער כינעזישער מיידעל וועלען זיי מוזען געפינען אן אנדער שטיק געוועהר.

מיר האבען נישט ארונטערגענומען די אויגען פון זיי.

פלוצים האט דער איין יאוואנעזער עפעס געשריען. דאס איז געווען א ווארט פאר „לאנד!" מיר האבען דערזעהן א גרויסען שאטען אויפ'ן וואסער.

פינף זיינען מיר שוין געבליבען.. מיר האבען זיך געהאלטען אין א גרופע צוזאמען. דאס איז געווען אונזער 26טער טאג אין שיפעל. מיר זיינען צוגעקומען צום אינזעל סיפארא, 60 מייל פון סומאטרא. מיר האבען געוואנדערט אויפ'ן וואסער טויזענט מייל.

זעקס וואכען זיינען מיר פארבליבען אין א מאלאאישען דארף. דערנאך זיינען אנגעקומען די יאפאנעזער און האבען אונז גענומען געפאנגען.

איך וועל קיינמאל נישט פארגעסען דעם טאג, ווען א מאלאיער האט מיר געבראכט א שפיגעל און איך האב זיך דערזעהן. איך בין געווען שווארץ, מיט הויכע באקען-ביינער און באוואקסען. איך האב זיך נישט געקענט דערקענען.

נאר ווען איך האב דעם שפיגעל אוועקגעלייגט, האב איך זיך איבערגעקוקט מיט דארים לים. זי האט געשמייכעלט.

מיר לעבען ביידע.

### טרויער רעזאָלוציע פון בר. 185 אַרב. רינג און פרויען קלוב

דער ברענטש טרויערט אויף דעם פארלוסט פון פריינדינע האווידאף, די פרוי פון אונזער מעמבער האווידאף. אויך אויף דעם פארלוסט פון פריינד, דאקטאר ס. לואיס. דער ברענטש שיקט א טרייסט-ווארט צו זייערע פאמיליעס און ווינשט זיי, אז זיי זאלען ניט וויסען מער פון קיין צער.

די פרעסע-קאמיטע פון בר. 185 א. ר.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

טעג ווען זי האט געזעהן ווי סאני קלייבט זיך ערגעץ געהן, איז זי געשטאנען דערביי, געקוקט אויף איהם מיט ליכטיגע, מאמעשע אויגען. און ווי שטארק עס האט זיך איהר געוואלט ביי איהם פרעגען — „וואו געהסטו איצט, מיין זוהן? ווי פארברענגסטו די צייט?" — האט זי עס ניט געטאן. זי האט געלעכצט נאך א ווארעמען, אפענהארציגען ווארט פון איהם, נאר זי האט געוואוסט אז דאס קען ניט זיין. סאני איז ניט דער סארט קינד. ער האט עפעס גאר קיין געדולד ניט צו זיין טאטע־מאמע, אפגעפרעמדט אין גאר.

אידא האט אפילו דעם מאן איהרען ניט געוואלט דערצעהלען אויף ווי ווייט זי איז געקרענקט. זי האט איהם כסדר דערצעהלט נאר דאס גוטע, וואס זי האט געפונען אין זייער זוהן. און סאל רובינאוו, וואס איז געווען איינגעטונקט איבער'ן קאפ אין זיינע ביזנעס האט פון גארניט ניט געוואוסט.

אידא איז איצט געלעגען מיט וואכע אויגען, און עס טראכט זיך איהר פון דער צייט ווען סאני איז נאך געווען א קליין קינד. דאס גאנצע לעבען איהר'ס איז געווען געווידמעט פאר איהם. דאס צוגרייטען איהם זיין עסען, דאס האדרעווען איהם, דאס פיהרען איהם אין סקול. און שפעטער די גרויסע פרייד איהרע, ווען סאני'ס אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען האבען גענומען זיך פאנאנדערבליהען. איהר אייגענער לעבען איז דעמאלט פארגעסען געווארען, אויפגעגעבען. זי איז אזוי ווי זיך צעגאנגען אין איהם. זי האט געהאט דעמאלט איין־איינציגע אויפגאבע, צו אכטונג געבען אויף איהר אויסערגעוועהנליכען זוהן. אלץ האט געדארפט זיין נאר פאר איהם.

זי דערמאנט זיך איצט סאני'ס האי־סקול טעג. סאני'ס געוואלטיגע פעהיגקייטען זיינען באלוינט געווארען מיט אויסצייכענונגען און „סקאלערשיפס". לויט ווי סאני האט איהר דעמאלט דערצעהלט, האט איהר אויסגעזעהן, אז ער ווייס מעהר פון זיינע לעהרער. סאני איז אין יענער צייט געווען מעהר צוגעלאזען צו זיין מאמען און ער האט איהר מערער פארטרויט פון זיינע טאוונגען. און אידא פלעגט אויפנעמען זיינע חברים מיט פארגעניגען. זי האט געמאכט פאר זיי פארטים, מיט דעם געדאנק אז סאני זאל זיך פיהלען מעהר צוגעבונדען צו זיין היים.

דאס איז געווען אמאל. איצט ווייסט זי שוין גארניט וואס עס טוט זיך אפ מיט איהר זוהן. פאראן טעג, ווען ער קומט גארניט אהיים שלאפען. און טעג ווען ער קומט אהיים פאר פריה. ער איז צו מיה, סאני, און ער דארף זיך גוט אויסרוהען. ער גיט א פאל אוועק שלאפען אין זיין צימער אויפ'ן בעט, און אידא געהט צו און דעקט איהם איין ווארעם, אז ער זאל האבען א גוטען שלאף. א מאמע האט ניט קיין אנדער געפיהל ווי נאר ליבשאפט פאר איהר קינד. א הארץ פול מיט ליבשאפט און פארגעבונג.

נאך זינט סאני האט גענומען דעם באזונדערען אפארטמענט מיט זיין חבר, די סטודיא, איז ער גאר ווי א גאסט אין שטוב. און זי ווייס קיינמאל ניט אויב ער וועט די נאכט קומען אהיים שלאפען אדער ניט. ער האט ניט געדארפט האבען קיין באזונדערען אפארטמענט פאר זיך, אז זיי האבען אזא שעהנע און גרויסע הויז. עס פארדריסט איהר שוין, וואס זי האט אזוי גיך איהם נאכגעגעבען. אלץ דארף האבען א גרעניץ...

אזוי ליגט איצט אידא אין איהר בעט און זי טראכט אלץ איבער. און אז זי ווערט ענדליך אנטשלאפען, איז איהר שלאף אויך אן אומרוהיגער און א שווערער.

— איך וועל אליין רעדן מיט סאני'ן — האט סאל רובינאוו איינמאל געזאגט צו אידא'ן, זיין ווייב. ער איז איצט געווען אנטשלאסען, שוין גענוג געשוויגען. דערווייל איז ער נאך דער טאטע. וואס איז? האט ער שוין גאר קיין דעה ניט ביי זיין זוהן?

איידער וואס־ווען איז ער שוין געווען צוטראגען און נערוועז. מיט וואס וועט ער אנהויבען? דאס האט געדארפט זיין דער ערשטער, ערנסטער געשפרעך צווישען טאטען און זיין זוהן. ווי וועט דאס זיין זוהן אויפנעמען דעם טאטענ'ס פארלאנג אריינצוציהען איהם אין די ביזנעס, וואס זיינען סאני'ס אמביציעס? פון אידא'ן האט ער איינמאל געהערט, אז סאני איז ניט צופרידען מיט קיין זאך. ער לייקענט אלץ אפ. און עס געפעלען איהם ניט די פירונגען אין היגען לאנד. א־ז וואס געפעלט איהם יע? און וואס גלויבט ער, זיין זוהן, און וואס איז זיין אידעאל, זיין ציל?

ער, סאל רובינאוו, האט געלערנט ליב צו האבען דאס היגע לאנד, וואס האט איהם געגעבען די פרייהייט און די מעגליכקייט אז ער זאל דא קענען פירען א געזיכערטען לעבען. ער זאל קענען פיהלען זיך ווי א מענש מיט מענשען צוגלייך. דער זוהן זיינער, סאני, לעבט ווי א קיסר און קיין שום דאנקבארקייט זעהט מען ניט ארויס פון איהם פאר אל־דאס גוטע פון וואס ער געניסט. איז דאס איהם אלץ פון הימעל אראפגעפאלען? אימיצער האט דאך דאס אלץ פאר איהם צוגעגרייט. נאר געה נעם און נויץ דאס, און זיי א מענש, און טו דיין חלק ארבייט, וואס עס פאדערט זיך פון דיר...

סאל רובינאוו האט א טראכט געטאן ביי זיך, אז ווען ער וואלט נאר האבען גענוג צייט, וואלט ער באדארפט זיין זוהן דאס אלץ אויפווייזען. אז ער זאל מעהר זיין טאטען פארשטעהן, און ער זאל זיך ניט אזוי בריקעווען.

אין אזא צושטאנד פון צוטראגענעם געמיט און צושרויפטע נערוועז האט סאל רובינאוו איינמאל אין א זונטאג ביטאג זיך אויסגעקליבען צו האבען א לאנגען שמועס מיט זיין זוהן. ער האט פריהער אנגעזאגט זיין ווייב, אז זי זאל צוגרייטען סאני'ן:

— זאג איהם ער זאל זיין אין דערהיים, זונטאג, איך וויל איהם זעהן. זאג איהם, אז איך דארף וועגען עפעס וויכטיגעס זיך דורכריידען מיט איהם.

און אידא האט אזוי געטאן. סאני האט נאכגעגעבען און ער האט געזעהן דעם זונטאג אין ערגעץ ניט צו געהן. אויף אזוי פיל האט שוין סאני געוואוסט, אז עס איז נויטיג נאכצוגעבען זיין טאטען אין געוויסע זאכען. ער האט דאך כסדר געדארפט צו איהם אנקומען.

ביי אידא'ן האט געפלאטערט דאס הארץ אין יענעם זונטאגדיגען פרימארגען. זי האט זיך געריכט אויף דאס ערגסטע. סאני וועט זיך אויסלאכען פון טאטענ'ס פארלאנג אריינצינעמען איהם אין די ביזנעס און סאל, איהר מאן, וועט זיין איינגעשפארט. ער וועט זיך צושרייען און עס וועט נאך חלילה ארויסקומען א קריג צווישען טאטען און זוהן.

— דו זאלסט ריידען צו סאני'ן מיט גוטען — האט זי אינדערפרי שטילערהייט א זאג געטאן צו איהר מאן. סאל רובינאוו האט זיך אויף איהר א ווארף געטאן מיט א כעס:

— דו לערען מיך ניט ווי איך זאל ריידען מיט מיין אייגענעם זוהן!

דער זונטאגדיגער מיטאג עסען איז אריבער כמעט אין שטיל־שווייגעניש. אלע זיינען געזעסען ביי'ם טיש אין אן אנגעצויגענער שטימונג. אידא, סאל רובינאוו און סאני. מעהר פון אלעמען איז סאל רובינאוו געווען אנגעשטרענגט — שטיל.

און אט האט מען שוין אפגעגעסען. אידא האט פאמעליך גענומען אראפראמען פון טיש דאס געפעס. זי האט אין דער זייט געבליקט צו איהר מאן, וואס האט איצט א הויב געטאן זיך פון טיש און אנגעהויבען ארומגעהן איבער'ן שטוב מיט גרויסע שפאנען.

— וואס איך וויל פון דיר, מיין זוהן, איז אט וואס. — האט ער אנגעהויבען.

(ווייטערס — מארגען)

# אַ נאַצי פאַמיליע און אַ אידישער „באַרדער" אין שטוטגאַרט

(שלום פון פעירזש 2)

לאבירינט און — עס איז איהר געלונגען.

דאס איז געווען די האנט פון דער דייטשער באלעבאסטע — דער געוועזענער נאציכע...

דערצעהלט מיר מיין פריינט:

ער האט א צייט לאנג זיין באלעבאסטע כמעט נישט געקענט. „גוט מארגען", „גוט יאהר". איינמאל, אהיימקומענדיג שפעט ביינאכט, האט ער אויפ'ן טישעל פון זיין איינזאמען צימערל געטראפען א וואזאנע מיט בלומען און דערנעבען א פעקעלע מיט א נייעם קראוואט און אויך א בריוועלע מיט הארציגע געבורטסטאג־ווינשעוואניעס, אונטערגעשריבען פון זיינע באלעבאטים. אין ערשטען מאמענט האט ער נישט געוואוסט וואס דאס באדייט. ער האט אינגאנצען נעהאט פארגעסען, אז היינט איז ביי איהם געבורטסטאג. זיי אבער, זיינע באלעבאטים, האבען דאס יא געדענקט. זיי האבען זיך דערוואוסט וועגען זיין געבורטסטאג פון זיין פאס, ווען ער האט זיך איינגעמאלדען, און האבען די דאטע פון קאפ שוין נישט ארויסגעלאזט... און ווען דער טאג איז געקומען, האבען זיי זייער אידישען „בארדער" אונטערגעטראגען מתנות צוזאמען מיט ווינשעוואניעס.

פון דעמאלט אן האט מען איהם אנגעהויבען איינלאדען צו קאפע און קוכען — אן אויסצייכענונג, וואס א דייטש גיט נישט אבי־וועמען.

מיין פריינט האט נישט געוואוסט, אז זיינע באלעבאטים זיינען געווען נאצים. ערשט איינמאל, זיצענדיג טאקע ביי דער קאפע און קוכען, האט זיין באלעבאסטע ארויסגענומען אן אלבאם מיט פאמיליען־פאטאגראפיעס און גענומען מישען. צווישען אנדערע האט זי איהם געוויזען א פאטאגראפיע וואו זי און איהר מאן זיצען אויף א נאצי־פייערונג, מיט האקענקרייצען אויף די ארעמס...

זייט דעמאלט האט ער זיך באמיהט זיינע באלעבאטים אויסצומיידען. איינמאל האט זיין באלעבאסטע איהם אפגעווארט און איהם געפרעגט פארוואס ער מיידעט זיי אויס.

— אפשר, ווייל איך האב אייך געוויזען די פאטאגראפיע פון דער פארטיי פייערונג? — האט זי איהם געפרואווט ארויסהעלפען.

— יא — האט ער געענטפערט.

און דעמאלט איז געשעהן עפעס אונערווארטעטעס: זי האט זיך גענומען אויף איהם בייזערען, אבער דאס איז געווען א בייזערען פון אן עלטערער שוועסטער אויף איהר אינגערען ברודער, ווען ער האט אפגעטאן עפעס א נארישקייט.

וואס הייסט? ער האט צו זיי טענות פארוואס זיי האבען געהערט צו דער נאצי־פארטיי? ווי שעמט ער זיך נישט? ווייסט ער נישט, אז ווען זיי וואלטען נישט געהערט צו דער פארטיי, וואלטען זיי די שטעלע אין דער באנק נישט געקענט אנהאלטען? וואס האט ער געוואלט, זיי זאלען זיין הונגערן און שטארבען פון הונגער?...

און נאכ'ן בייזערען זיך האט זי די „עוולה" זיינע פארגעסען און גענומען ווידער זארגען פאר איהם און טראכטען וועגען זיין באקוועמליכקייט און וועגען זיין געזונט...

איך האב זיך מיט איר באקענט. פאר הויך־געוויקסיגע דייטשקע, וואס טראגט מיט לייכטקייט אירע פופציג יאר. איר פול־לענגליך פנים האט געשמייכעלט מיט איבערגעטריבענער פריינדליכקייט. זי האט געוואלט פון מיר איין זאך: איך זאל ווירקען אויף מיין פריינט, ער זאל א ביסעל מער שאנעווען זיין געזונט... נאר ביכער, נאר האווען — דאס טויג נישט. מען דארף טראכטען אויך וועגען זיך...

איך בין געוואויר געווארען, אז אין קריגס־צייט האט זי א געוויסע צייט געוואוינט אין „ליצמאנשטאט" (אזוי האבען די דייטשען גערופען לאדז). איר מאן איז שוין געווען צו־אלט פאר אקטיווען דינסט, האט ער געקראגען א פאסטען אין דער לאדזער אפטיילונג פון דער רייכסבאנק. איז זי געפארען צו אים און מען האט זיך געלעבט צוזאמען פרידליך אין דער נייער „דייטשער" שטאט...

זי ווייס נישט, אז „ליצמאנשטאט" איז מיין היים־שטאט און אז ווען זי איז געווען אויף איין זייט פון „ליצמאנשטאט" זיינען מיינע שוועסטער מיט זייערע מענער און קינדער געווען אויף דער דייטשער זייט פון „ליצמאנשטאט", פון וואנען די דייטשען האבען זיי אוועקגעפירט אין אשוויענטשים...

איצט שטייען מיר איינער נעבען צווייטען אונטער איר פריינטליכען דאך אין שטוטגארט: זי, די נאציכע פון דער פרעהליכער דייטשער זייט „ליצמאנשטאט" און איך, דער איד, פון דער מיר איז געשטאנען א פעסט־געבויטע אידישער „פארגאזטער" זייט „ליצמאנשטאט"...

דאס געמיינזאמע, וואס פארבינדט אונז, איז דער פריינט מיינער, דער היימלאזער איד, וואס פאר זיין געזונט שטעלט זי זיך איצט איין...

און אויב מארגען וועט ווידער קומען היטלער צו דער מאכט, וועט זי זיין גרייט ווידער אנצוטאן א האקען־קרייץ און ווידער צו פארען קיין „ליצמאנשטאט". וועל איך און מיין פריינט זיך מעגען געפינען אויף דער צווייטער זייט...

געה ווייס וואס עס קומט־פאר אין א דייטשען קאפ.

איך האב שווייגענדיג זיך געזעגענט און זיך געלאזט צום וואקזאל. געזונט דייטשלאנד!

# 26 מיליאָן אָרימע אין אַמעריקע

(שלום פון עריטאריעל פעידזש)

יושר'דיג, און ניט ברייט־גענוג פארטיילט צווישען די גרויסע מאסען פון פאלק, אמת. אבער דער פאקט, וואס דריי־פערטעל פון אונזער פאלק פארדינט איצט מער ווי 3 טויזענט דאלער א יאר, צייגט, אז דער פארמעגען ווערט איצט בעסער פארטיילט ווי אלעמאל, און א נייער מיטעל, ארעמע, בעסער געזאגט. נאך ט מיטעל ווערט איצט געזוכט אום דעם ארימען פערטעל פון דער באפעלקערונג ארויפצוהויבען כאטש צו דער שטופע פון די אנדערע דריי־פערטעל. דא קומט מען צום שלוס, אז די הויפט צרה איז, וואס אונזער עקאנאמישע אנטוויקלונג האט ניט געמאכט דעם זעלבען פראגרעס אין אלע ווינקעלעך פון'ם לאנד, און ווייט ניט אויף אלע געביטען פון מענשליכען שאפען. איינינגע אפטיילונגען זיינען געבליבען הינטערשטעליג. און וואס דאס פאלק דארף טאן איז אט־די הינטערשטעליגע איצט ארויסהעלפען צו קומען צו דער שטופע פון די אנדערע.

פארמערס האבען ווייט ניט געמאכט דעם זעלבען פראגרעס וואס אינדוסטריען. טעכנאלאגישע אנטוויקלונגען ווערען נאך אלץ צו־ווייניג באנוצט ביי פארמעריי. עטליכע נייע „טי. ווי. ע.'ס" קענען פארוואנדלען ארימע פארמס אין גרויסע פראדוקטיווע צענטערן, ווי דאס האט די „טענעסי וועלי" באוויזען.

די פינף מיליאן ארימע און אונטערדריקטע נעגערס קענען פיל געהאלפען ווערען, ווען מענשען זאלען אנהויבען פארשטעהן, אז פאראורטיילען קאסטען א פאלק טייער. דיסקרימינאציעס אויף דזשאבס מוזען אפגעשאפט ווערען און „רעכט לערנען" און „אפארטיוניטיס" מוז זיין פריי פאר אלעמען, און די געלעגענהייטען מוזען פאר אלעמען זיין גלייכע צו קענען אננעמען בעסער באצאלטע דזשאבס.

אלטע, שוואכע, אומפעהיגע מענשען מוז מען ארויסהעלפען מיט שטיצע, אבער אפילו פאר זיי קען מען געפינען וועגען ווי אנצוהאלטען זייער ניצליכקייט פאר דער געזעלשאפט. זאלען זיי קענען ארבייטען צוביסלעך, לייכטער און בלויז קורצע שטונדען פון טאג, אבער אויך העלפען שאפען רייכטום פאר זיך און פאר'ן לאנד.

מער ווי אלץ איז נויטיג צו שטיצען די ארימערע אינדוסטריעס און איינשטעלען ביי זיי סיסטעמען פאר העכערע ווערדזשעס פאר זייערע מיליאנען און מיליאנען ארבייטער. די פראספעריטי דארף זיין באמת פאר אלע ווינקעלעך פון לאנד און פאר אלע שיכטען פון דער באפעלקערונג. דאן — און נאר דאן — וועלען מיר קענען שטאלצירען מיט אונזער גרויסען אמעריקאנער רייכטום.

## רוטה דזשייקאַבס רעטגעבערין פאַר אידישער באַלעבאַטישקייט



RUTH JACOBS
*Advisor on Jewish Homemaking*

**איך האָב געקראָגען** גאָר אַ שטאַרקע איבערראַשונג היינט, ווען מען האָט מיר געזאָגט וויפיל עס דאַרף קאָסטען צו „שטויב רייניגען" מיינע ליווינג־רום דרעיפס. דער „עסטימעיט" איז געווען פון אַ פירמע וועלכע איך האָב שוין געברויכט איינינגע יאָר. זיי האָבען אַלעמאָל געטאָן גוטע אַרבייט צו אַ צוגענגליכען פרייז. צוליב דעם שטייגען פון לעבענס־קאָסט איז אויך זייער פרייז געשטיגען אַזוי הויך פאַר דעם דזשאַב, אַז עס איז געווען אויסער מיינע פינאַנציעלע מעגליכקייטען. האָב איך געמוזט אויסגעפינען אַ וועג ווי אַזוי די אַרבייט קען געטאָן ווערען אָהן צאָהלען אַזאַ הויכען פרייז.

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט וואָס אַזעלכעס „שטויב רייניגען" מיינט. ווען דער מאַן, וועלכער האָט מיר געגעבען דעם עסטימעיט האָט מיר דערקלערט, אַז דאָס מיינט פשוט אָפּרייניגען די דרעיפס מיט אַ וואַקיום, זיי אויספּרעסען און צוזאַמענלייגען און פאַרפּאַקען צום צוריקברענגען אין הערבסט, האָב איך אין פאַרלויף פון 1 שעה נאָכדעם ווי ער איז אַוועק אַליין „שטויב גערייניגט" די דרעיפס אַזוי גוט ווי די קאָמפּאַני. מיין ניט וויסען אין משך פון די אַלע יאָרען האָט מיר געקאָסט אַ סך געלט. דאָס איז געווען נאָך אַ דערפאַרונג וואָס באַווייזט אַז עס לוינט זיך צו פרעגען.

ווילט איר, אַז אייער קאַר זאָל אויסזעהן צום באַוואונדערען ווען איר פאָרט אַרויס אויף אַ שפּאַציר דעם סוף־וואָך? דאַן פּאַלישט אייער קאַר מיט דעם וואונדערבאַרען נייעם פּראָדוקט וואָס הייסט **„אָטאָ־בראַיט"**. דער דאָזיגער שטוינענדער נייער סיליקאָן פּראָצעס פאַר פּאַלישען קאַרס דערגרייכט 3 וויכטיגע דזשאַבס מיט איין גרינגער אַרבייט. עס רייניגט סאַדזע, פעטס און שטויב; פּאַלישט מיט ווייניגער אַרבייט, און פאַרהיט פאַר אַלע וועטערן. אייער קאַר וועט אָנהאַלטען דעם גלאַנץ פאַר מאָנאַטען לאַנג דורך פשוט אָפּווישען מיט אַ פייכטער שמאַטע אָדער אַ שוואָם. קיין זייף איז נויטיג אָדער דאַרף געברויכט ווערען. פאָלגט בלויז אויס די אָנווייזונגען אויף דעם באָטעל פון „אָטאָבראַיט" און איר וועט ענטציקט ווערען פון די רעזולטאַטען. אַמוויכטיגסטען צו געדענקען איז אַז „אָטאָבראַיט" ענטהאַלט 4% סיליקאָנס.

נעכטען אָוונט האָב איך מהנה געווען מיין פאַמיליע און צוויי געסט מיט זייער ערשטען „קאָרן אַן די קאָב" פון דעם פריהלינג. און עס איז געווען נאָך בעסער באַשמירט מיט **נוקאָ מאַרדזשערין**. די דאָזיגע וואונדערבאַרע מילכיג כשר'ע מאַרדזשערין האָט אַ טעם וואָס גיט צו צו דער גוטסקייט פון יעדער שפּייז אין וועלכער אָדער אויף וועלכער עס ווערט געברויכט. עס קומט אין באַקוועמע פּעקלעך און איז אַזוי שפּאָרזאַם ווי עס איז גוט. אויב איר האָט נאָך ניט פּרובירט די דאָזיגע לויטער־וועדזשעטעיבל מאַרדזשערין — דאַן שטעלט עס אַרויף אויף אייער שאַפּינג ליסטע מאָרגען. איך בין זיכער, איר וועט איינשטימען אַז נוקאָ איז מחיה'דיג!

איך האָב שטענדיג געהאַלטען דערפון און רעקאָמענדירט, אַז מען דאַרף קויפען אַזעלכע פּראָדוקטען וועלכע וועלען טאָן אייערע שווערע אַרבייטען פאַר אייך אויף אַ באַקוועמען און עקאָנאָמישען וועג. **סאַני־פלאַש** איז דורכאויס אַזאַ פּראָדוקט. עס איז שנעל, גרינג און סאַניטאַריש. עס האַלט שטענדיג טאָילעט שיסלען פינקעלדיג ריין און פאָדערט גאָר קיין אַרבייט פון אייך. און דער נייער סאַני־פלאַש האָט אַ נייע מעלה—עס גיט אַרויס אַ מילדען דערפרישענדען ריח פאַר דער לופט בעת עס רייניגט. עס איז ניטאָ קיין זאַך ווי סאַני־פלאַש פאַר טאָן אַ שנעלען, גרינטליכען דזשאַב. עס איז זיכער פאַר אַלע טאָילעט סיסטעמען.

די פּראָדוקטען וואָס ווערען רעקאָמענדירט פון רוטה דזשייקאַבס, ווערען אויך אינדאָרסירט פון דער דזשאָזעף דזשייקאַבס דזשואיש מאַרקעט אָרגאַניזאַציע.

This is a feature of the Joseph Jacobs Organization

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

סאַני האָט פון זיין מאַמע'ס רייד געהאַט אַ אהנונג וואָס אַזוינס דער טאַטע וויל פון איהם האָבען. ער וועט אוודאי נעמען פאָדערען פון איהם חשבון פון אַלץ וואָס ער טוט. — „אַט איז עס. עס הויבט זיך שוין אָן“, — האָט ער אביסעל אַ צוריצטער געגע־בען אַ קלער. ער האָט זיך אוועקגע־שטעלט מיט דער פּלייצע אַנטקעגען אַ פענסטער פון צימער, מיט די הענט טיף אין די הויזען־קעשענעס און גע־וואַרט, אביסעל אַן אומגעדולדיגער — „טו געט אָווער איט קוויק“, אַראָפּצו־פּטר'ען עס וואָס גיכער האָט זיך איהם געגלוסט.

סאַל רובינאָוו האָט נאָך די ערשטע עטליכע ווערטער דערפיהלט זיך אַבי־סעל פאַרלאָרען. פון וואָס זאָל ער אָנ־הויבען? ער האָט אַ קוק געגעבען אויף זיין ווייב, ווי ער וואָלט פון איהר פאַרלאַנגען, אַז זי זאָל איהם דאָ אַרויס־העלפען. אידאַ האָט זיין בליק פאַר־שטאַנען.

— סאַני, — האָט זי זיך אָפּגערופען צו איר זוהן, — דיין טאַטע וויל, אַז דו זאָלסט אָנהויבען אַריינקומען צו איהם אין אָפיס, אַרויסהעלפען אין די ביזנעס.

— איז דהאַט טרו, פּאַ? (איז דאָס אמת?) — האָט סאַני אַ פרעג געטאָן ביי זיין טאַטען. און זיין טאָן האָט געקלונגען אביסעל סאַרקאַסטיש, ווי ער וואָלט זיך ניט געגלויבט אַז זיין טאַטע זאָל גאָר אַזוינס פון איהם פאַר־לאַנגען. סאַל רובינאָוו'ן האָט אַ שטאָך געטאָן דער סאַרקאַסטישער טאָן, דעם זוהנ'ס, נאָר ער האָט עס דורכגעלאָ־זען. ער איז געגאַנגען ווייטער, ער האָט שוין איצט געמוזט ריידען.

— יע, סאַני. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט דו זאָלסט זיך באַקענען מיט די ביזנעס, וואָס דיין טאַטע פירט אָן. דו זאָלסט אָנהויבען אַריינקומען אין אָפיס אַלע טאָג. דו ביזט דאָך שוין ניט קיין קינד, דו פאַרשטעהסט דאָך אַליין, עס פאָדערט זיך פון דיר דו זאָלסט טאָן דיין חלק אַרבייט, יעדער מענש מוז עפּעס טאָן.

סאַל רובינאָוו האָט געקוקט דאָ אויף זיין זוהן און דאָ אויף זיין ווייב. ווי ער וואָלט וועלען אויסגעפינען אויב ער האָט גוט אָנגעהויבען. אידאַ האָט זיך געמאַכט ווי זי איז זעהר פאַרנומען מיט דעם אָפּראַמען פון טיש. באַלד האָט זיך סאַל רובינאָוו צעוואַרימט, און ווערטער און געדאַנקען זיינען צו איהם, ווי פון זיך אַליין געקומען, און עס איז אַוועק גלאַט. באַלד האָט ער

זיך אַליין געהערט ריידען, זיך וואונדער־דיג צו זיין זוהן.

— דיר דאַרף איך דאָס ניט זאָגען, דו ווייסט אַליין אַז אויף אַרבייט שטעהט די וועלט.

באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער רעדט שוין פון זיך אַליין. ער דער־מאָנט די סאַמע ערשטע יאָרען, ווען ער איז אַריבערגעקומען אין היגען לאַנד, אינאיינעם מיט נאָך טויזענטער אַזוי ווי ער, אַלע געיאַגטע, פאַראַרעמ־טע, און יעדער איינער'האָט דאָ עפּעס אויפגעטאָן. פון הימעל איז קיין זאַך ניט אַראָפּגעפאַלען. מען האָט געאַר־בייט, געבויט אַ נייעם לעבען.

ווי לאַנג האָט ער אַזוי גערעדט? ער האָט שוין אַליין פאַרגעסען. נאָר ער האָט פאַר זיין זוהן אויסגעמאָלען אַ בילד פון די נייע אָנגעקומענע אימי־גראַנטען אין די ערשטע יאָהרען. יעדער איינער האָט דעמאָלט עפּעס אויפגע־טאָן ווילכטיגעס. מען האָט אויסגעבויט הייזער און פעקטאָרים, מען האָט גאַנ־צע געגענטען אויפגעלעבט. און בריקען און באַהנען האָט מען געבויט, און אַלץ די נייע אַריבערגעקומענע. און די קינדער פון די אַריבערגעקומענע, דער צווייטער דור. — האָט סאַל רובי־נאָוו זיך אָפּגעשטעלט אַ ווייל צו ער־קלערען דאָס זיין זוהן.

— דו מעגסט דאָס וויסען — איז ער צוגעטראָטען נעהענטער צו סאַני'ן. — אַט די אימיגראַנטען האָבען גע־האַט אין זיך דעם זעלבען גייסט, וואָס די ערשטע אַמעריקאַנער פּיאָנערען וואָס זיינען אַריבערגעקומען אַמאָל אַהער אין לאַנד, און זיי האָבען דאָ אָנגעהויבען בויען אַ לעבען, ווען אַלץ איז נאָך דאָ געווען ווילדסטעניש.

— וואָס איך וויל אויסברענגען... — האָט סאַל רובינאָוו שוין געהאַט צו־געטראָטען צום פּונקט. נאָר ער האָט מיטאַמאָל זיך אַליין איבערגעריסען אינמיטען ריידען. ער האָט איצט גוט אָנגעקוקט זיין זוהן, און איהם האָט זיך געדוכט, — ער איז ניט אינגאַנ־צען זיכער געווען אויב סאַני איז גאָר פאַראינטערעסירט אין דעם אַלץ, וואָס דער טאַטע רעדט צו איהם.

— דו האָסט געהערט, סאַני, פון וואָס דיין טאַטע האָט צו דיר גערעדט די גאַנצע צייט? — האָט ער האַסטיג ביי איהם אַ פרעג געטאָן.

— יעס, געוויס האָב איך געהערט, פּאַ... — האָט סאַני זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף.

— נו, איז וואָס דענקסטו פון דעם אַלעמען? — האָט איהם זיין טאַטע ווי גענומען אויף אַ פאַרהער, — וואָס האָסט דו אַליין צו זאָגען וועגען דעם אַלץ. איך וויל הערען.

— טו טעל יו דהי טרוטה, פּאַ, (צו זאָגען דיר דעם אמת) — האָט סאַני אָנגעהויבען אביסעל פאַרלאָרען, — איך האָב עפּעס ניט אינגאַנצען פאַר־שטאַנען וואָס דו האָסט געזאָגט. ער האָט אַזוי ווי געזוכט זיך צו פאַרענט־פערען: — אַז דו רעדסט אַזוי גיך, פּאַ.

איצט האָט אַ שטיל־שווייגען זיך אויסגעשפּרייט איבער'ן שטוב. סאַל רובינאָוו איז געבליבען אָפּהענטיג. עס איז דעמאָלט געווען אַזאַ געפיהל, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשלאָגען אָן אַ פאַר־מאַכטער טיר. אַ מידער, אַן אויסגע־שעפּטער, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אַ טיפען שטול. פון קיך האָט זיך געהערט ווי אידאַ רודערט אַרום ביים סינק, וואַשענדיג דאָס געפעס. סאַני איז געשטאַנען איצט אַנטקעגען זיין טאַטען און געוואַרט אויב ער וויל איהם נאָך עפּעס זאָגען. און סאַל רובינאָוו האָט מיט אַ פאַרצווייפעלטען אויס־דרוק אויף זיין פּנים אַ מאַך געטאָן אויף זיין זוהן מיט דער האַנט. — שוין, דו קענסט שוין גיין. איך דאַרף דיר מעהר ניט.

— וואָס מיינסטו? האָט סאַני זיך געוואונדערט. ער איז געווען אביסעל איבערגעשראָקען.

— גאָרניט. — האָט איהם זיין טאַטע אָפּגעענטפערט, — דו האָסט דאָך מסתמא זיך געקליבען היינט ערגעץ געהן, איז וואָס האַלט דיך אָפּ?

### קאַפּיטעל זעקס־און־פערציג

נאָך דעם איבעררייד, וואָס עלינאָר האָט געהאַט מיט אייב'ן, ווען אייב האָט גערעדט שלעכטס אויף סאַני'ן, האָט עלינאָר'ן גראָד נאָך מעהר זיך געגלוסט צו געהן אים זעהן, סאַני'ן. קיינער קען איר ניט פונאַנדערזאָגען וואָס צו טאָן און ווי און וועמען זיך צו זעהן. אייב איז ניט גערעכט. דאָס רעדט אין איהם נאָר די אייפערזוכט. דאָך האָט זי שוין עטליכע וואָכענטען דורכגעלאָזען צו קומען אין סטודיאָ. זי האָט געזאָגט צו זיך, אַז זי דאַרף זיך פריהער גוט אויסרוהען און דער־נאָך וועט זי ווידער אָנהויבען קומען אַהין.

סאַני האָט ניט געקענט פאַרשטעהן וואָס עס קומט פאַר מיט עלינאָר'ן. שוין אַ סך מאָל אַז ער האָט איר אָפּ־גערופען אויפ'ן טעלעפאָן און יעדעס מאָל האָט זי איהם געזאָגט אַן אַנדער תירוץ. ביז איינמאָל איז ער אין זיין טעלעפאָן־רוף געווען זעהר צודרינג־ליך:

— איך מוז דיך זעהן, עלינאָר. איך דאַרף דיך האָבען, — האָט ער איהר געבעטען.

ער האָט איר דערצעהלט, אַז ער וועט לייענען פאַר איר שטעלען פון

זיין בוך וואָס ער האָט אָנגעהויבען שרייבען און אַז ער וואַרט מיט אומ־געדולד צו זעהן זיך מיט איר.

דאָס האָט געווירקט אַז עלינאָר זאָל איהם צוזאָגען צו קומען. זי האָט דאָך געלעגט אַזויפיל האָפענונג אויף זיין שרייבען. זי האָט געוואָרט, אַז ער זאָל זיך אַרויסווייזען מיט עפּעס אַ ווילכטיגעס אויפטו. אויף וואָס נאָר ער אַליין איז פעהיג, און דעמאָלסט וועלען מענשען דערזעהן וואָס ער איז און מען וועט אויפהערען קוקען אויף איר קרום.

אין יענעם אָוונט האָט סאַני גע־וואַרט אויף איר אין דער סטודיאָ. ער האָט אומישנע אויסגעקליבען אַ צייט, ווען ער האָט געוואוסט אַז זיין חבר טעדי וועט אוועק פון שטוב ביז שפּעט ביינאַכט. און ער און עלינאָר וועלען ענדליך האָבען אַ געלעגענהייט צו זיין דאָ אַליין, קיינער זאָל זיי ניט שטע־רען. סאַני האָט עלינאָר'ן ליב געקראָ־גען אויף אַן אמת. ער האָט אַפילו אויף זיך אַליין זיך געוואונדערט. דאָס איז ניט געווען ווי ביז איצט, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיידעל, איז אַריינגעצויגען געוואָרען מיט איר אין אַ לייכטען פלירט און האָט גיך אַז יענער פאַרגעסען. עלינאָר איז אים וואָס־וויי‍טער אַלץ טייערער געוואָרען און ער איז געווען זיכער, אַז זי האָט אים אויך שטאַרק ליב. פאַרוואָס האָט זי אויפגעהערט צו קומען איהם זעהן, ווי זי פלעגט עס אַזוי אָפט טאָן ביז איצט?

קען דאָס זיין, אַז זי שפּילט מיט אים צו־להכעיס? ער ווייסט, זי וויל אַז ער זאָל מעהר אַרבייטען אויף זיין בוך. — „אַלראַיט, מיין מיידעל“, — האָט ער אין געדאַנק צו איר גערעדט מיט אַ פאַרגעניגענדיגען שמייכעל, — אַז דו ווילסט, וועט עס מוזען אַזוי זיין...“

ער האָט שוין געהאַט אָנגעשריבען עטליכע זייטלעך, דעם אָנהויב, און ער וועט עס היינט פאַר איר לייענען. ער האָט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן דיוואַן און זיך פאַרקלערט: אַלע ערוואַר־טען פון אים גרויסע זאַכען. עס איז אים געקומען אויפ'ן זינען דער לעצ־טער שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין טאַטען. סאַל רובינאָוו האָט דעמאָלט אַרויסגעוויזען גרויס אומצו־פרידענהייט מיט זיין זוהן, וואָס עס האָט סאַני'ן שטאַרק אויפגערייצט.

— „דהי אָלד מען. איט איז דיס־גאַסטינג“ — האָט ער מיט כעס איצט געטראַכט פון זיין טאַטען. וואָס וויל מען פון איהם האָבען?

(ווייטערס מאָרגען)

# אין אַ ווינקעל פון פּאַרק

(שלום פון פּעידזוש 2)

— האָט זיך לערנען נאָך העכער אין באַזוער צושריגען. — הערסט, איך וויל עס מער ניט הערען!... הערסט?!

מאַלי האָט אים מיט פאַרטראַכטענ־דיגע בליקען אָנגעקוקט און האָט שטיל, ווי צו זיך אַליין, אַרויסגעמורמעלט:

— אה, לאָז מיך צורוה, איך בין מיד...

— מיד, מיד — האָט לערנער איר נאָכגעקרימט — שטענדיג איז עס מיד, קיין אַנדער וואָרט הערט מען ניט, ווי נאָר: איך בין מיד...

מאַלי האָט אויף אים אַ בייזען קוק געטאָן, זיך פון אים אָפּגעקערט און אירע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערען.

— וואָס? האַ, וועסט זיך אפשר באַלד צעוויינען? דאָס איז דאָך אַלץ וואָס דו קענסט — האָט ער אַרויסגע־ברומט צווישען די ציין, האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין רעקעל און איז אַרונטער־געלאָפען אין גאַס.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט. אַ קילער ווינטעל האָט אָנגעהויבען בלאָ־זען און אביסעל אָפּגעלאָשען די היץ. די גאַס איז פול געווען מיט מענשען, וועלכע האָבען זיך געצויגען צום פּאַרק.

לערנער האָט געשפּרייזט צווישען דעם עולם. דער קאָפּ האָט אים וועה געטאָן. אין די שלייפען האָט אים גע־זעצט און וואו ער געהט האָט ער אַליין ניט געוואוסט.

גלייך ווי ער איז אַרונטערגעלאָפען פון די טרעפּ פון הויז, האָט אַ געפיל פון חרטה איהם אָנגעהויבען צו עסען אין האַרצען. „וואָס האָב איך צו איר? פאַרוואָס האָב איך איר היינט אַזוי באַליידיגט און וועה געטאָן? און אויב זי איז אַזוי איינגעדאַרט און איינגע־פינסטערט, איז עס אפשר נאָר מיין

שולד“... און אַ רחמנות־געפיל צו זיין ווייב האָט אים שטאַרק אָנגעהויבען צו פּייניגען.

פּלוצים האָט ער אין דער ענגשאַפט און אין דער געדיכטקייט פון שפּאַציר רענדע עולם דערזעהן דאָס יונגע וויי־בעל. זי איז ניט געגאַנגען אַליין, נאָר מיט איר מאַן און מיידעלע. דער מאַן האָט געפירט דעם קערידזש און זי האָט אים געהאַלטען אונטער'ן אָרעם. און אַזויפיל צופרידענקייט און יונג־ווייבליכער שטאָלץ איז געלעגען אין דעם אופן ווי זי איז געגאַנגען און אין דעם אופן ווי זי האָט איר מאַן געהאַלטען אונטער'ן אָרעם און זיך געטוליעט צו אים, אַז יעדער איינער האָט גלייך געקענט זעהן, אַז זי איז צופרידען מיט איר מאַן.

אַז לערנער האָט איר דערזעהן, איז אים דער אָטעם קורץ געוואָרען. זודיג בלוט האָט אים אַ שטראָם געטאָן אין פּנים און ס'איז אים אונערטרעגליך היים געוואָרען.

ער איז פאַרבייגעגאַנגען לעבען איר, האָט איר אַריינגעקוקט אין די אויגען און זיך מיט איר באַגריסט. נאָר זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי דערקענט אים ניט, האָט אַפילו אין זיין זייט ניט אַ קוק געטאָן, איז שטאָלץ און צופרידען געגאַנגען איר וועג און זיך פעסט גע־דריקט צו איר מאַן.

לערנער'ן האָט עס ווי אַ בריה גע־טאָן, אַז ער האָט ממש ביז וועהטאָג

פאַרביסען די ליפּען. ער האָט זיך דערפילט אַזוי אָפּגעקאַכטער. און ווי אַן אָפּגעבריטער האָט ער זיך געלאָזט געהן צוריק צו זיך אַהיים...

— — — — — — — — — — —

אין שטוב איז געווען פינסטער און שטיל. שוואַרצע שאָטענס זיינען גע־ווען אויסגעשפּרייט אויף די ווענט, אויף דער סטעליע און אויפ'ן דיל. מאַלי אַ צונויפגעדרייטע, אַ צונויפגעקאַר־טשעטע, איז איינגענורעט געלעגען אויפ'ן בעט און פון דער פינסטערניש אַרוים האָבען זיך געשוואַרצט אירע שפּיציגע אַקסלען.

אַ שאַרף־וועהטאָגדיגער רחמנות־געפיל צו זיין ווייב און אַ עסענדיגער פאַרדראָס צו זיך אַליין האָט לערנער'ן אַרומגענומען. ער איז מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו זיין ווייב, איר לייכט אָנגערירט פאַר'ן פּלייצע און ווי אַ פאַרשולדיגטער, מיט אַ פאַרשטיקט קול, כמעט מיט טרערען, צו איר גע־רעדט:

— זיי מיר מוחל מאַלי, נו, פאַרגיב מיר. איך האָב גאָר ניט געמיינט...

אירע אַקסלען האָבען פון פאַרשטיק־טען געוויין געצוקט, געצוקט און זיך געשפּיצט אין דער פינסטערניש.

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער

נעשריבען ספּעציעל פאַר׳ן „פאָרווערטס״ פון שלמה בן־ישראל

(נאָכדרוק פאַרבאָטען)

(פאָרטזעצונג)

ער האט אנגעוויזען מיט׳ן האנט אויף דער ערד און די צוויי געסט האבען אנגענומען די איינלאַדונג און זיך אַראָפּגעזעצט.

דער זייגערמאכער איז געווען א פרומער איד. זיינע דיקע פאות זיינען געווען פארלייגט הינטער די אויערען און א קליינע קאפּעלע האט צוגעדעקט זיין קאָפּ. די לאנגע באָרד איז געווען פיין צוגעקעמט און האט פארמאגט מער זילבער וויפיל די גאנצע סחורה אין קראָם.

ער האט אוועקגעלייגט דעם זייגערל און האט מיט א פריינטליכען שמייכעל באַטראַכט זיינע געסט.

— איר זענט אפשר הונגעריג? דורשטיג? — האט ער א פרעג געטאָן.

— ניין, א דאַנק — האט סעדיה געענטפערט.

— איר וועט מוזען צוואַרטען אויף מיין זוהן — האט דער אלטער מאַן געזאגט — ער דאַרף באַלד אנקומען. נאָט אייך אביסעל צירונג און מאכט דעם אנשטעל אַז איר קלייבט עפּעס אויס צום קויפען. איבעריגע פאָרזיכטיגקייט שאַדט ניט — האט ער צוגעגעבען אין דער שטיל.

ער האט צוגעשאַרט צו זיי א הויפען פון דער ביליגער סחורה.

— ווער איז דער מואדזין? — האט סעדיה געפרעגט — איז ער אַן עכטער מאַכמעדאַנער?

דער אלטער האט צעפּירט מיט די הענט.

— איר וועט רעדען צו מיין זוהן... ער וועט אייך זאגען אלץ וואָס מען דאַרף... — האט ער געמורמעלט.

סענדער האט צוגעוואָרפען א בייזען בליק צו זיין פריינט. סעדיה אליין האט זיך דערפיהלט ניט מיט אלעמען. ער האט פארשטאנען אז ער האט ניט ריכטיג געטאָן פרעגענדיג די פראַגע.

פון דער טיפעניש פון קראָם איז ער־שינען א יונגע מיידעל. די יונגען האבען באַמערקט ווי זי איז אַרויס פון הינטער א פאָרהאַנג וואָס האט פאַר־שטעלט דעם אַריינגאַנג צו די צימערען פון הויז. ווי די מערסטע געשעפטען אין געטאָ, איז די וואוינונג געווען מיט דער קראָם.

— טאַטע, עסען איז פאַרטיג — האט זי געזאגט צום אלטען, ניט גע־בענדיג קיין אכט אויף די צוויי „קאָס־טימער״.

— כ׳וועל צוואַרטען ביז עובדיה (אוואַדיע) וועט קומען — האט דער אלטער געזאגט.

די מיידעל איז צוריק אַריין אין שטוב.

— מיין אינגסטע טאָכטער — האט דער אלטער געזאגט מיט א שמייכעל — די לעצטע פון זעכצען קינדער, קיין עין־הרע. אלע ברוך השם חתונה גע־האט און זי האט שוין אויך א חתן.

— זאָל זיין מיט מזל! — האט סענ־דער געזאגט ניט וויסענדיג וואָס אנ־דערש צו זאגען.

די טיר פון קראָם האט זיך גע־עפענט און א יונגערמאַן איז אַריין. דער אלטער האט זיך זעהר דערפרעהט מיט איהם.

— עובדיה, צוויי געסט... זיי וואַר־טען אויף דיר! — האט ער אויסגע־רופען.

עובדיה האט זיך באַגריסט מיט די געסט אויף אַן עכט אָריענטאַלישען שטייגער. דאַן האט ער א רוף געטאָן דעם אלטען און זיי זיינען פאַרשוואונ־דען געוואָרען הינטער׳ן פאָרהאַנג. אין א מינוט אַרום זיינען זיי צוריק ער־שינען.

— קומט מיט מיר! — האט עובדיה זיך געווענדעט צו די יונגען — מיר׳ן צוגעהן ערגעץ וואו מיר וועלען קענען רעדען.

עובדיה האט אויסגעזעהן ווי אַן אַראַבער. ער האט פאַרמאָגט א פּאָר ברענענדע אויגען, שוואַרץ ווי קויל און זיינע וואָנצעס זיינען געווען גערויכט און שטייף. דאָך האט זיך געמערקט זיין עהנליכקייט צום אלטען זייגער־מאַכער.

— מיר׳ן זיך נאָך זעהן, מיר׳ן זיך נאָך זעהן, „אינשאַללאַ״ (מירצעשעם)! — האט דער אלטער אויסגערופען דריקענדיג זייערע הענט — גייט געז־זונט און זאָל דער אויבערשטער אייך ביישטעהן...

זיי זיינען אַרויס אין גאַס און עובדיה האט זיך געלאָזט געהן אין דער ריכטונג פון וואַנען זיי זיינען אנגעקומען.

— איר זענט באַקאַנט מיט דער שטאָט? — האט עובדיה געפרעגט.

— אביסעל. מיר זיינען דאָ געווען מיט א צוועלף יאָר צוריק — האט סענ־דער געענטפערט.

ניט ווייט פון באַזאַר פון דאוד פּאַשאַ האט זיך עובדיה פאַרקירעוועט אין א שמאָלער געסעל, אזוי שמאָל אַז אַז אנגעלאָדענער קעמעל וואָלט דאָרט ניט געקענט דורכגעהן. דאָס געסעל האט אויסגעזעהן ווי א טונקעלער טונעל, וואָרים די הייזער פון ביידע זייטען גאַס זיינען געווען פאַראייניגט פון אויבען מיט דעכלעך און שטיבלעך.

קיין פענסטער האט מען ניט אנגע־זעהן אין די אלטע, אפּגעקראָכענע ווענט. דאָ און דאָרט איז געווען א טירעל אין וואַנט וואָס האט געפירט צו א הויף. ביי איינער פון די טירלעך איז עובדיה שטעהן געבליבען און האט אנגעקלאַפּט.

עס האבען זיך דערהערט שנעלע טריט פון א פּאָר פּיס אנגעטאָן אין הילצערנע „גאַלעטשעס״.

— מין קאַרא? (ווער איז עס?) — האט א פרויען־שטימע געפרעגט פון יענער זייט טירל.

— איפטאַכי איל באַב! (עפען די טיר!) — האט עובדיה באַפוילען.

זיי זיינען אַריין אין א שמאָלען הויף. א יונגע שעהנע פרוי אנגעטאָן אין א סאַמעטענע אויסגעשטיקטע קלייד און א שטערן־טיכעל אויפ׳ן קאָפּ האט באַגריסט עובדיה׳ן און די געסט.

— דאָס איז מיין פרוי — האט עובדיה געזאגט — גאָה גרייט־צו כיבוד — האט ער זיך געווענדעט צו איר.

ער האט געפירט זיינע געסט דורכ׳ן הויף צום אַריינגאַנג אין הויז. דער הויף איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט גלאַטע שטיינער און די וואַנט פון הויז איז געווען אפּגעפאַרבט מיט א הימעל־בלויער פאַרב. קליינע הילצער־נע קעסטעלעך זיינען געהאַנגען ביי די צוויי פענסטערלעך. די קעסטעלעך זיינען געווען אנגעפילט מיט ערד און פיל־פאַרביגע בלומען האבען מיט שטאָלץ פאַרריסען די קעפּ צום בלויען הימעל פאַרשפּרייטענדיג אַרום זיך אַן אנגענעמען גערוך.

(ווייטערס מאָרגען)

## איבער אַ פערטעל מיליאָן אידישע קינדער אין אַמעריקע באַזוכען שולען פאַר אידישער ערציהונג

(שלום פון פעריזש 6)

דאַ א מיידעל פון קובא, א אינגעל פון רוסלאַנד, אויך א פּאָר שוואַרצע איינ־געבוירענע — לעך און מיידלעך. די שוואַרצע האלטען זיך באַזונדער, אפּגעזונדערט. ניט דערפאַר, ווייל זיי ווילען זיין באַזונדער, ווילען זיין ווייט פון אונז. מיר זיינען מעהר שולדיג ווי זיי. מיינע ניט־אי־דישע פריינט זעהען ביי מיך אידישע ביכער. זיי קוקען אַריין, פאַרוואונדערט, נייגעריג, ווילען אַז איך זאָל זיי פאַר־טייטשען, ערקלערען. איך זאג זיי, אַז איך לערען זיך אין א אידישער שול, פאַרשטעהען זיי עס ניט — וואָס מיינט עס א אידישע שול, פאַרוואָס? — גיב איך זיי צו פאַרשטעהן, ערקלער זיי. איך טו עס מיט פאַרגעניגען, און דורך דעם ווערען מיר ניט דערוויי־טערט איינע פון די אנדערע, נאָר פאַר־קערט, דערנעהענטערט.״

די ווירקונג פון דער אידישער שפּראַך. פון די שריפטען פון די תלמידים פון די אי־דישע שולען קומט אַרויס באַזונדערס בולט די ווירקונג פון דער אידישער שפּראַך אויף זיי און זייער סביבה. אנ־דערע ברענגען עס אַרויס אויף א פאַר־טרעפליכען אופן. „זיין א איד—לייען איך אין איין שריפט — איך פיל עס באַזונדערס ווען איך רייד און ווען איך לייען אידיש. ווען איך זיץ אליין מיט׳ן אידישען בוך, פאַרטיף זיך אין דער אידישער מעשה, די אידישע ווערטער פאַרבינדען מיך מיט אידען, מיט׳ן אידישען פאָלק, מיט אידישקייט. וואָס זיינען ווערטער? דוכט זיך, בלויז שטריכען, בוכשטאַבען. ווען איך קוק אין זיי אַריין, זיינען זיי פאַר מיר פיל, פיל מעהר. איך האָב ניט קיין ווערטער ווי אזוי דאָס צו דערקלערען.״

אין אַן אנדער שריפט לייען איך אַזוי: „מיר קומען זיך צונויף צווישען פריינט. זיי זיינען אלע אידען, אָבער זיי קענען ניט קיין אידיש אָדער זעהר ווייניג, אביסעל. איך אָבער קען צו זיי ריידען אידיש, און איך טו עס, איך רייד אידיש. „איך בין די אידישע צווישען זיי.״

„זיי זיינען אלע אידישע קינדער. זייערע אלע טאַטעס און מאַמעס זיי־נען אידען. דאָס איז אונזער פונדאַ־מענט, — שרייבט א תלמיד — „דאָס מיינט, אַז זיי זיינען אלע געבאָרענע אידען, ווייל זייערע טאַטעס און מא־מעס זיינען אידען. אָבער א פונדאַמענט אליין איז ווייניג. אויפ׳ן פונדאַמענט דאַרף מען ערשט שטעלען א געביידע. ווייס דער תלמיד אביסעל פון אידיש־קייט, ווייס ער אידישע געשיכטע, ער פּראַקטיצירט זיין אידישקייט אויך מיט ריידען אידיש. קומט דעריבער זיין ענטפער: „איך בין דער אידישער צווישען זיי.״

אָבער זעהר ווייניג אידישע קינדער רעדען און פאַרשטעהען אידיש. שרייבט א שילערין: „איך בין טרוי־ריג, וואָס אַזוי פיל אידישע קינדער פאַרשטעהען ניט קיין אידיש. — דאָס איז א געוויסער טרויער, א שעפע־רישער טרויער. ער מוז אַרויסרופען צו טאַט.

אַן אנדער שילערין זאגט: „מיך נעמט אַרום א פרייד, ווען איך הער ווי די ניי־אַריבערגעקומענע קינדער רעדען אידיש״. ניי־אַריבערגעקומענע... זיי קומען פון דער וויטענס, פון א אידישען דערוויטענס. זיי קומען פון א געוועזענעם אידיש־לאַנד, וואָס איז פאַרברענט געוואָרען. אָבער די אידישע שפּראַך לעבט נאָך אין זייער מיילכע־לעך. דאָס אַמעריקאַנער־געבאָרענע אידישע מיידעל, וואָס מאַטערט זיך צו לערנען אידיש, צו קענען אידיש, און דאָס ריידען אידיש קומט איר אַן גאַנץ שווער, דערפרעהט זיך אָבער, ווען זי דערזעהט ניי־געקומענע אידישע קינ־דער, פון וועמענס מיילכעלעך עס פליס־טערט די אידישע שפּראַך.

אידישע מעשים. מען קען נאָך ניט רעדען וועגען אידישע מעשים, וועגען אידישער טעטיגקייט פון די קינדער. עס שרייבען נאָך ווייניג די קינדער וועגען דעם, ווי אַזוי זיי פאַר־בינדען די אידישקייט מיט אַמעריקאַ־נישקייט, די אידישקייט מיט דער וועלט, די אידישע לאַגע מיט דער וועלט־לאַגע. אין די שריפטען פון די קינדער זיינען דאָ שפּורען פון די איינ־פלוסען, וואָס אויף זיי האבען געהאַט די מעשה ישראל. איין קינד שרייבט: „איך וואָלט געוואָלט ענדיגען די שול און פאָהרען אין ישראל.״ אנדערע קינדער שרייבען וועגען דעם, אַז זיי וואָלטען געוואָלט, ווען זיי וועלען גרויס ווערען, פּראַקטיצירען אידישקייט אין זייערע אייגענע היימען.

„מיין מאַמע פיהרט א כשר׳ע הויז — שרייבט א מיידעל. — איך וועל אויך אַזוי טאָן, ווען איך וועל ווערען א באַלעבאָסטע.״ די כשרות ביי דער מיידעל איז אַן אויסדרוק פון וועלען זיין א איד, פון וועלען מקיים זיין איהר אידישקייט אין דער טאָג־טעגליכקייט. זי וויל זיין אזוי אידיש און אזוי כשר ווי איהר מאַמע.

[illegible]

## זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פּוילען

ספּעציעל געשריבען פאַר׳ן „פאָרווערטס״ — פון ראָוז שושנה

(פאָרטזעצונג)

### איז טאַקע אַזאַ שאַנדע צו זיין אַ גרינער?

סעם גרינפעלד איז מיט יעדען טאָג געוואָרען מעהר צוגעבונדען צו דאַי־נע׳ס קינד. דאָס קינד איז געוואָרען זיין אינהאַלט אין לעבען. די גאַנצע שטאַרקע ליבע, וואָס האט געברענט אין זיין האַרץ, האט ער אויסגעלאָדען צו דעם קליינעם מוני׳ן. וואָס מעהר ער האט זיך דערנעהענטערט צום קינד, אלץ מעהר האט זיך אויך דאַינע אנגע־הויבען צו סעמ׳ען דערנעהענטערען: אָבער נישט ווי קיין ווייב, נאָר ווי א שוועסטער צו א ברודער.

דאַינע האט זיך אנגעהויבען טייל־מאָל מיט איהם מישב זיין וועגען דעם, ווי אזוי זיי זאָלען דורכפיהרען דעם גט. דאָס איז דאָך געווען ביי איר א נאַטירליכע זאַך.

סעמ׳ען האבען די דאָזיגע ווערטער געשטאָכען אין האַרצען. ער האט אין זיין אָרימער פאַנטאַזיע אנגעהויבען צו חלומ׳ען וועגען דאַינע׳ן און גאָר פאַר־געסען פון זיין אפּמאַך, אַז נאָך דעם ווי דאָס קינד וועט געבוירען ווערען, זאָלען זיי זיך גט׳ן.

דאַינע אליין האט זיך נישט אזוי געאיילט צום גט, ווייל זי האט דאָך געוואַרט אויף איר הערי׳ן, און ביז יענער וועט קומען קאָן דאָך סעם זיין ביי זיי אין הויז. זי האט אין סעמ׳ען געהאַט א גאָר גוטען פריינט, וועלכער האט זי נישט באַלעסטיגט און דערצו האט זי געזעהן סעמ׳ס צוגעבונדענ־קייט צו איר קינד; דערצו איז איר געווען זעהר באַקוועם, ווייל קיין בע־סערען „בעיבי סיטער״ האט זי זיך נישט געקאָנט ווינשען.

דאַינע איז אויך געווען א גוטהאַרצי־גע. זי האט מורא געהאַט, אַז ווען זי וועט זיך גט׳ן מיט סעמ׳ען קאָן זיין, אַז איר פאָטער וועט איהם דערמאַלט אפּזאָגען פון דזשאָב. זי האט נישט געגלויבט אין זיינע פעהיגקייטען צום געשעפט. זי האט געמיינט, אַז איר פאָטער האַלט איהם נאָר דערפאַר ווייל ער איז איר מאַן.

דאַינע האט כסדר געהערט ווי איר פאָטער לויבט אזוי שטאַרק די אינטע־ליגענץ און די פעהיגקייט פון סעמ׳ען, אָבער זי האט דאָס אלץ אנגענומען אַז דאָס איז נאָר צוליב איר. דאַינע האט נישט געוואוסט פון צוויי זאַכען: אַז סעם איז טאַקע זעהר און זעהר א פעהיגער ביזנעסמאַן און פאַרטרעט פאָלשטענדיג איר פאָטער ווען יענער געהט צו הנה׳ן אין האָספּיטאַל, אָדער ווען ער געהט צו חוה׳ן און עטעלען, ווי ער פלעגט זעהר אָפט געהן. דאַינע האט אויך נישט געוואוסט פון דער שטאַרקער צוגעבונדענקייט און דער פריינדשאַפט צווישען אַלטער רעפּיר־דזשי פאַמיליע מיט איר פאָטער. און ווייל זי האט געהאַלטען איר מאַן פאַר א גרויסען שלים־מזל, וועלכער וועט זיכער פאַרלירען זיין דזשאָב, האט זי זיך נישט געאיילט צום גט. אָבער זי האט דאָך באַשלאָסען, אַז זי מוז זיך באַפרייען. עס מוז דאָך צו דעם קומען. עס האט זיך אָבער שטענדיג עפּעס געמאַכט ערנסטעס, צוליב וועלכען זי האט אפּגעלעגט דורכצופיהרען דעם גט.

איינמאָל איז דאָס קליינע זונעלע אירס, וועמען זי האט געליבט מעהר ווי איר לעבען, שטאַרק קראַנק געוואָ־רען. דער קליינער מוני האט באַקומען א שווערע דיפטעריע און איז געווען געפערליך קראַנק. סעם איז דעמאָלט נישט אפּגעטראָטען פון מוני׳ס בעטע־לע. ער איז געווען די נוירס, דער טאַטע, דער געטרייסטער דינער. סעם האט געוואַכט ביים קראַנקען קינד ביי־טאָג און ביינאַכט. ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרען אויפצופּאַסען אויפ׳ן קינד.

דאָס קינד, וועלכעס האט דערפיהלט סעמ׳ס שטאַרקע ליבע, האט זיך זעהר גיך צוגעבונדען צו איהם; האט פון קיין אנדערען נישט געוואָלט נעמען די מעדיצין, נאָר פון סעמ׳ען.

דאַינע פלעגט זיצען אַזאַ אומבאַ־נע׳ן, אַז זי זאָל געהן זיך אויסרוהען, פאַרוויינטע אויגען צו דעם צעהיצטען פּנים׳ל פון קינד. אירע ליפּען האבען שטיל תפילה געטאָן און אירע אייגען האבען געבלאַנדזשעט פון סעמ׳ען צום קינד און פון קינד צו סעמ׳ען, ווי זי וואָלט זיך געבעטען ביי איהם רחמים.

סעם פלעגט דעמאָלט בעטען דאַי־נע׳ן, אַז זי זאָל זיך געהן אויסרוהען, זי זאָל זיך צולעגען אביסעל; אַז ער וועט שוין וואַכען ביי מוני׳ן.

סעם איז נישט מיד געוואָרען צו זיצען ביי דעם קינד. אפילו בעקי, זיין שוועגער, האט דעמאָלט פאַרגעסען אין איר האַס צו דעם איידים, דעם שלימזל, ווייל זי האט געזעהן ווי ער אפּפערט זיך פאַר דעם קליינעם מוני׳ן, וואָס איז געווען אַלעמענ׳ס ליבלינג אין הויז.

בעקי פלעגט נאָר קוקען מיט איי־פערזוכט, וואָס מוני שטעקט אויס זיי־נע קליינע הענטעלעך צום איידים און נישט צו איר. אָבער זי האט געזעהן, אַז ער טוט די אַרבייט פון זיין א נוירס בעסער ווי זי וואָלט דאָס געטאָן און אפילו בעסער פון איר טאָכטער, די מוטער פון קינד. דעריבער האט זי פאַרגעסען אין איר האַס צו דעם „גע־ניידים דעם שלימזל״.

קיין אנדער נאָמען האט ער ניט געהאַט ביי איר. נו, געוויס, האט מען צוליב דער קראַנקהייט פון קינד פאַר־געסען אין אלע אנדערע זאַכען.

אין אַזעלכע מינוטען האט מען פאַרשטאַנען זיך, אויך פאַרגעסען אין גט.

אָבער ווען דאָס קינד איז געזונט געוואָרען, האט זיך אלץ צוריק אומ־געקערט צום געוועהנליכען נאָרמאַלען גאַנג. סעם האט ווייטער פאַרבראַכט זיין פרייע צייט ביים קינד. ער פלעגט טיילען דעם וויטאַמין: אויף דעם אַפּיס; א וויזיט ביי זיין קראַנקער מאַמען אין האָספּיטאַל, און די איבעריגע צייט האט ער פאַרבראַכט מיט דעם קליינעם מוני, וואָס איז כסדר געוואָרען מעהר צוגעבונדען צו איהם.

דאַינע פלעגט איהם אַפט אויסרייזען, פאַר וואָס ער זיצט אַזוי פיל אין שטוב. זי האט גערעדט צו איהם ווי צו א חבר.

— סעם, דו מוזט זיך נעמען אבי־סעל מעהר צייט צו פאַרברענגען; דו מוזט אויסגעהן מיט מיידלעך; נישט זיין אַזאַ היים־זיצער. א יונגערמאַן ווי דו מוז מאַכען באַקאַנטשאַפטען, מוז געניסען פון לעבען. דו פאַרדינסט איצט גאַנץ גוט, דו קאָנסט זיך ער־לויבען צו פאַרברענגען מיט די שענ־סטע מיידלעך, וועסט געפינען א מיי־דעל, און וועלכער דו וועסט זיך פאַר־ליבען, וואָס וועט זיין פּאַסיג פאַר דיר.

ווען סעם האט געהערט די דאָזיגע רייד, פלעגט ער קריגען אלע קאָלירען אויפ׳ן פּנים.

איהם פלעגט זיך ווילען אויס־שרייען: „ניין, ניין, איך וויל מעהר קיינמאָל קיינעם ניט ליב קריגען. איך ליב... איך ליב דיך, נאָר דיך איינע״.

ער פלעגט אָבער פאַרשעמט אַראָפּ־לאָזען דעם קאָפּ און גאָרניט ענט־פערען.

זיין האַרץ האט איהם שטאַרק וועה געטאָן און ער פלעגט זיך שטעלען די פראַגע: זעהט זי דען נישט, אַז איך ליב נאָר זי איינע, די איינציגע אויף דער וועלט?

ער מוז אָבער די ליבע צו איהר דערשטיקען.

טייל מאָל פלעגט ער זיך טראַכטען: כ׳האָב דאָך איהר געקאָנט זאגען מיינע געפיהלען. זאגען איהר ווי שטאַרק איך האָב זי ליב. אָבער איך ווייס דאָך, אַז זי׳האט ליב אַן אנדער־ען. זי וואָלט דאָך ניט פאַרשטאַנען מיינע געפיהלען. מיינע ליידען. זי ווייסט דאָך נישט פון ליבעס־ליידען. ליבט און וואַרט אויף איהר געליב־טען. זי וויל מיר געבען בלויז פריינד־שאַפט. פאַר ייינעם וואָס האט ליב, איז ניט גענוג בלויז פריינדשאַפט. א לי־בענדער וויל זיין אלץ פאַר דער גע־ליבטער, וויל ליבען און ווערען גע־ליבט. אָבער דאָ איז דאָ א דריטער, און ווען דער דריטער וואָלט אפילו ניט געווען, וואָלט איך דען געקאָנט חלומ׳ען צו ווערען געליבט?... ווער בין איך?... איך בין דאָך נאָך אלץ א גרינער... איז דען אַזאַ שאַנדע צו זיין א גרינער?

(ווייטערס מאָרגען)

## אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

סאַני איז דאָך פון אלע יאָרען גע־וואוינט געווען, אַז ער זאָל זיין דער צענטער אין דעם לעבען פון זיין טאַ־טע־מאַמע, אַז אלץ זאָל זיך דרעהען אַרום איהם. ער האט געהאַט אַזאַ גע־פיהל, ווי זיין טאַטע־מאַמע לעבען נאָר צוליב איהם. די מאַמע דאַרף איהם צו־זעהן מיט׳ן עסען, און דער טאַטע איז אויף געבען איהם געלט, ווען נאָר ער דאַרף האבען. דאָס איז געווען סאַני׳ס ערשטער צוזאַמענשטויס מיט׳ן ווירק־ליכען לעבען. וואָס איהם האט איצט באַאומרוהיגט, ביז איצט איז זיין יונ־גער לעבען געפלאָסען גלאַט, אָהן שום זאָרגען און אחריות׳ען. די ווירקליכ־קייט איז געווען ניט אנגענעם, איבער־דריסיג, און דאָס האט איהם אומרוהיג געמאַכט.

ער האט א קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל. שוין באַלד אַכט דער זייגער. עלינאָר האט שוין גערדאַרפט דאָ זיין. ער האט זיך גענעבען א הויב־אויף פון דיוואַן. גענומען שפּאַנען אי־בער׳ן צימער. גענומען אין האַנט א בוך, און אומגעדולדיג עס באַלד אוועקגעלעגט צוריק. ער איז צוגעגאַנ־גען צו זיין דעסק, דאָרט זיינען געלע־גען צעוואָרפען די בלעטלעך פון זיין אנגעהויבענער אַרבייט. און מיט אַמאָל האט ער דערפיהלט ווי ער איז גלייכ־גילטיג געוואָרען צום גאַנצען ענין פון אנשרייבען א בוך. מיט סאַני׳ן האט דאָס געקאָנט טרעפען. ווען ער איז באַ־גייסטערט געוואָרען פון עפּעס אַן ענין, האט ער געדעדט פון דעם מיט היץ, און גיך איז ער צו דעם אפּגעקילט געוואָרען, און פאַרלאָרען דעם אינטע־רעס. אזוי איז איצט געווען מיט זיין שרייבען. אים האט שוין פאַרדראָסען, וואָס ער האט גאָר געמאַכט מיט עלי־נאָר׳ן א רייד וועגען דעם. איצט וועט זי עס פון איהם מאַנען.

ער איז געשטאַנען און געטראַכט, וואָס ער זאָל עלינאָר׳ן זאגען. מען האט אנגעקלאַפּט אין טיר. ענדליך איז זי געקומען. ער איז איר געלאָפען אנט־קעגען:

— וואו איז טעדי? — האט עלי־נאָר זיך אַרומגעקוקט איבער׳ן צימער.

— טעדי וועט ניט קומען היינט אַהיים ביז שפּעט אין דער נאַכט, — האט ער גערעדט צו איהר מיט שמחה. —מיר זיינען איצט אינגאַנצען אליין.

זי איז געווען אנגעטאָן אין א ברייטען ספּאָרט־מאַנטעל, וואָס האט איהר אליין געמאַכט אויסקוקען נאָך דינער. אויפ׳ן קאָפּ האט זי געהאַט א געבלומ־טען טיכעל, פאַרבונדען אונטער דער קין. ער האט איהר געגעבען א קוק אַז מיט זיינע צוגעשמירעטע אייגען, א בליק א באַצווינגענדיגער. וואָס האט איהר געמאַכט יעדעס מאָל זיך צו פאַר־לירען. זי האט זיך וועקגעריסען פון איהם און גענומען אויסטאָן איהר מאַנ־טעל:

— נו, איצט דערצעהל מיר פון דיין שרייבען — האט זי א זאג געטאָן. זי האט אנגעהויבען ריידען גיך, אפּגע־האַקט. ווי אלע מאָל ווען זי איז געווען פון עפּעס אויפגערודערט:

— דו ווייסט דאָך פאַר מיר לייענען פון דיין אַרבייט, נוט אזוי?

— שוין? די מינוט? — האט סאַני א לאַך געטאָן. ער איז איצט געווען אין דער בעסטער שטימונג. ער האט זיך ניט געאיילט. א ווייל׳ע האט ער געטראַכט ווי בעסער צו אויפנעמען איהר. און ער האט זיך געלאָזען געהן צו דער קיך אונטער דעם פאָרהאַנג.

— איך וויל מאַכען פאַר דיר קאַפע און צובייסען. דו ביזט דאָך אוודאי הונגעריג.

— א, ניין, איך האָב ערשט אפּגע־געסען סאַפּער — האט זי איהם ניט געלאָזען געהן צו דער קיך.

— איך ווייס וואָס איך וועל טאָן. איך וועל מאַכען א „קאָקטעיל״ פאַר אונז צו טרינקען.

— מען דאַרף ניט. איך וויל גאָר־ניט טרינקען, — איז זי געווען איינ־געשפּאַרט. אין דער זעלבער צייט האט זי געהאַט ביי זיך דעם אנגענע־מען געפיהל אַז זי קען ביי איהם אלץ אויספירען. זי האט זיך א ווייל׳ע אַרומגעדרעהט איבער׳ן צימער. דער־נאָך איז זי אליין צוגעגאַנגען צו זיין דעסק, גענומען זוכען צווישען די פּאַ־פּירען. אויף אזוי פיל איז זי נייגעריג געווען צו זעהן זיין אַרבייט. סאַני איז אויסגעוואַקסען לעבען איר. ער האט זיך איר געשטעלט הינטער׳ן פּלייצע. אין א ווייל׳ע אַרום זיינען זיינע אָרימס שווער געווען אַרום איר.

— ניט איצט, עלינאָר, — האט ער איר געבעטען. זי האט דערפיהלט זיין הייסען אָטעמען איבער איר אַפּגעדעק־טען האַלז. זי האט זיך אויסגעדרעהט צו אים: — פּליז, סאַני, — נאָר ער האט איר ניט געלאָזט רייסען. ער האט איר געקושט אין די ליפּען, אין די אויגען. א וויילע איז זי געבליבען אין זיינע אָרעמס. ער האט געקענט פיהלען דאָס וויברירען פון אירע בוי־גינע גלידער. באַלד האט זי זיך ווי מיט געוואַלט אוועקגעריסען פון אים.

— נו, איצט וועסטו פאַר מיר לייע־נען דיין אַרבייט. דו האָסט דאָך גע־זאָגט.

— ניט היינט, עלינאָר. לאָמיר דאָס אפּלייגען אויף אַן אנדערען מאָל.

— פאַרוואָס ניט היינט? — האט זי נעפּראָוועט זיין בלומרישט שטרענג מיט איהם.

ער האט געהאַט אין זינען איר צו דערצעהלען אַז ער האט געהאַט אַן איבערדרייער מיט זיין טאַטען. און דאָס האט איהם איפּגערעגט און אוועקגע־נומען ביי איהם די שטימונג. — „ניין, דאָס טויג ניט״, — האט ער זיך באַ־רעכענט, און אנשטאָט דעם האט ער געזאגט:

— איך בין ניט אין דער שטימונג צו לייענען היינט, עלינאָר. דו מוזט דאָס פאַרשטעהן.

עלינאָר האט געהאַט אַן אהנונג פון סאַני׳ס א שוואַכקייט צו וועלען שטענ־דיג אפּלייגען אַן אַרבייט אויף שפּע־טער.

— דו ביסט אַזאַ מאַדנער, סאַני, — האט זי אים געזאגט אין אַן ערנ־סטען טאָן. נאָר סאַני האט איצט ניט געוואָלט זיין ערנסט. אלץ אין אים איז געווען שפּיל און לוסט; זיינע אויגען, די צעשויבערטע האָר, דער טאָן פון זיין ריידען.

— און דו ביסט אזוי בישופ׳דיג, עלינאָר. עס פּאַסט גאָר ניט פאַר דיר צו זיין אזוי ערנסט, — האט ער זיך מיט איר א רייץ געטאָן.

— „ניט צוליב לייענען זיינע שריפ־טען האט ער איר אהער גערופען״. — האט עלינאָר ניט ווילענדיג א טראַכט געטאָן. זי האט געהאַט איצט גע־מישטע געפיהלען. אַז ניט אלע מאָל זאגט איר סאַני דעם אמת. נאָר איר האט עס ניט געאַרט. איר איז אזוי גוט געווען מיט איהם. זיי זיינען איצט געזעסען אויפ׳ן דיוואַן, אינטימע, שווייגענדיגע. נאָר אַז סאַני האט ווי־דער געמאַכט א פּרוואו איר צוציהען צו זיך, האט זי מיט אַמאָל זיך אויפ־געהויבען פון אָרט:

— ווי שפּעט איז דאָס איצט? שוין צייט פאַר מיר צו געהן אַהיים.

(ווייטערס מאָרגען)

## זי איז די בעסטע שרייבערין פון דעטעקטיוו ראָמאַנען

(שלום פון פעריזש 2)

פון צייט־צו־צייט א נייע „שערלאָק האָלמס״ דעטעקטיוו מעשה.

דער בעסטער אַמעריקאַנער שריי־בער פון דעטעקטיוו ראָמאַנען, צווי־שען די יאָרען 1927 און 1939, איז געווען ס. ס. ווען דאַין. זיין אמת׳ער נאָמען איז גאָר געווען ווילאַרד האַנ־טינגטאָן ראַיט. זיין אמת׳ער באַרוף איז גאָר געווען — עסטעטיק, קונסט, מאַלעריי. מר. ראַיט איז געווען א „פיינשמעקער״ פּרימאַ־שבפּרימאַ, אַן עסטעט איינער אין אַמעריקע, א קונסט מבין, א מפונק. פּלוצים — און אונ־טער א פאַרשטעלטען נאָמען — האט ער אַפּגעדרוקט א דעטעקטיוו ראָמאַן אין 1927 מיט׳ן טיטול: „דהי קענערי מוירדער קעיס״. מיט צוויי יאָר שפּע־טער: „דהי בישאָפּ מוירדער קעיס״. און נאָך אין נאָך דעטעקטיוו ראָמאַנען — אינטערעסאַנטע, אויסטערלישע דעטעקטיוו ראָמאַנען. דעם אמת׳ען נאָמען פון׳ם מחבר האט מען זיך ערשט דערוואוסט אין די 1930׳ער יאָרען. אַן אויסערגעוועהנליכען ערפאָלג האבען אָט־די דעטעקטיוו ראָמאַנען געהאַט. פּלוצים, אין 1939, אין על־טער פון בלויז 51 יאָר, איז „ס. ס. ווען דאַין״ געשטאָרבען.

איצטער, אַז גאָר זייט שוין געהע־ריג באַהאַוועגט אין דער געשיכטע פון דעטעקטיוו ראָמאַנען, וועל איך אייך באַקענען מיט מרס. אגאַטאַ קריסטי׳ן, וועמענס פופציגסטער דעטעקטיוו ראָ־מאַן („עי מוירדער איז ענאַונסד״) איז נאָר־וואָס אַרויס פון דרוק.

ווי אַלט די שרייבערין איז, ווייס איך ניט גענוי. זי איז, דענק איך, א פרוי אין די שפּעטע פופציגער. וואָ־רים אין 1914 האט זי חתונה געהאַט. אין כ׳בין זיך משער, אַז וואַרשיינליך איז זי דאַמאָלסט אַלט געווען א יאָר צוואַנציג אָדער צוויי־און־צוואַנציג. איר מיידעלשער פאַמיליען־נאָמען איז געווען מילער. דער טאַטע אירער, אַלוואַ מילער, איז געווען אַן אַמערי־קאַנער; די מאַמע — אַן ענגלענדערין. איז געבוירען געוואָרען איז אגאַטאַ מערי קלאַריסאַ מילער אין דעוואָן, ענגלאַנד. ליוט ווי די שרייבערין גופא פאַרזיכערט, איז דעוואָן איינע פון די פּרעכטיגסטע געגענטען אין גאַנץ ענגלאַנד. כ׳האָב ניט קיין אורזאַך צו צווייפלען אין אירע ווערטער. אין קיין סקולס איז זי קיינמאָל ניט גע־גאַנגען. די מאַמע איז געווען איר איינציגע לערערקע. דיזעלבע מאַמע האט איר אויך ערמוטיגט צו שרייבען פּאָעזיע, צו זינגען, צו פאַרפאַסען קור־צע ערציילונגען — שוין איינמאָל א מאַמע.

לכתחילה האט זי געפּלאַנט א קאַריערע אַלס אָפּעראַ זינגערקע. ווען זי האט אויסגעפּונען, אַז איר שטימע איז צו־קליין, צו־שוואַך פאַר אָפּעראַ, האט זי אויפגעגעבען זינגען. א פּאָר חדשים ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה האט זי געהיי־ראַט א יונגען אָפיצער מיט׳ן נאָמען קריסטי. מיט פּונקט פערצען יאָר שפּעטער האט זי אַפּגעג׳גט מר. קריס־טי׳ן. פון מר. קריסטי׳ן האט זי גע־האַט א קינד, א טעכטערל, וועלכע איז שוין איצט אליין א פאַרהייראַטע פרוי און די מאַמע פון עטליכע קינדער.

א שרייבערין פון דעטעקטיוו ראַ־מאַנען איז מרס. אגאַטאַ קריסטי גע־וואָרען דורך א צופאַל. אירע א שוועס־טער האט זיך איינמאָל אויסגעדריקט, אַז זונט קען קאָנען דאַיל׳ס „שערלאָק האָלמס״ דעטעקטיוו מעשיות האט קיינער אין ענגלאַנד ניט באַוויזען אָנ־צושרייבען א באַמת־גוטן דעטעקטיוו ראָמאַן. האט זיך מרס. אגאַטאַ קריס־[illegible]

[illegible]

דער הויפּט־העלד פון אלע אירע ביכער איז א בעלגישער דעטעקטיוו מיט׳ן נאָמען הערקול פּואַראָ — ער לעבט, הייסט עס, אין ענגלאַנד און פאַרנעמט זיך מיט פּריוואַטע דעטעק־טיוו־אַרבייט. דער בעסטער פון מרס. אגאַטאַ קריסטי׳ס אלע ביז־אַהעריגע דעטעקטיוו ראָמאַנען איז „דהי מויר־דער אוו ראָדזשער עקראָיד״.

אין 1930, צוויי יאָר נאָכדעם ווי זי האט געקראַגען א גט פון אָרטשיבאַלד קריסטי, האט זי חתונה געהאַט מיט פּראָפעסאָר מאַקס ערגאַר לושען מאַ־לאָוואַן, אַן אַרכעאָלאָג. פּראָפעסאָר מאַלאָוואַן פאַרנעמט זיך מיט אַרכעאָ־לאָגישע אויסגראָבונגען אין איראַק — די פאַרצייטיגע בבל. די ווייב זיינע העלפט איהם אַרום צוביסלעך: זי נעמט פאָטאָגראַפיעס. א. אַ. וו. ווייני־גיסטענס פיר מאָנאַטען א יאָר פאַר־ברענגען זיי אין׳ם איראַק׳ער מדבר. אין די אַזויסטן שרייבט זי אירע דעטעקטיוו ראָמאַנען. די אנדערע מאָ־נאַטען אין יאָר וואוינט זי אין דעוואָן, ענגלאַנד.

פאַראַן אָהן א שיעור מענשען — און אָהן א שיעור לענדער — וואָס קוקען אויס די אויגען אויף יעדען נייעם דעטעקטיוו ראָמאַן פון מרס. אגאַטאַ קריסטי. אָט־די אלע מענשען זיינען די וואָך זעהר גליקליך און צופרידען: „עי מוירדער איז עיאַונסד״, פון מרס. אגאַטאַ קריסטי, איז אַקאָרשט אַרויס פון דרוק. איילט זיך, איילט זיך!

## בריפקאַסטען

מרס. קלאַר. — דער ערשטער טאָג שבועות, מיט 40 יאָר צוריק, איז גע־ווען דער 13טער דזשון, 1910.

אַן אַלטע פרוי. — איר קענט זיך ווענדען צו דער ניו יאָרק וועלפער באַאָרד, 902 בראָדוועי, ניו יאָרק, נ. י., און בעט „אָל׳ד עידזש אַסיסטענס״. צי איר וועט דאָס באַוויליגט ווערען איז א פראַגע וואָס זיי וועלען געפינען אייער לאַגע.

הייטאַן אַקסענהאָרן. — דער 16טער דזשולאַי, 1937, איז לויט׳ן אידישען לוח געווען דער 27טער טאָג אין חודש תמוז. היינטיגען יאָר פאַלט דער טאָג דעם 12טען דזשולאַי, 1950.





# די טאָכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישן ישראל און די אַראַבער

געשריבן ספּעציעל פאַר׳ן „פאָרווערטס“ פון שלמה בן־ישראל

(נאַכדרוק פאַרבאָטן)

(פאָרזעצונג)

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע און פוילן

ספּעציעל געשריבן פאַר׳ן „פאָרווערטס“ פון ראָזו שושנה

(פאָרזעצונג)

## איז טאַקע אַזאַ שאַנדע צו זיין אַ גרינער?

# אַ לעבן פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע פון מרים ראַסקין

(פאָרזעצונג)

— ווי שפּעט איז דאָס איצט? שוין צייט פאַר מיר צו גײן אַהיים.

(ווייטערעס מאָרגן)

— איך וועל מאַכן פאַר דיר קאַפי און צובייסן. דו ביזט דאָך אַוודאי הונגעריג.

— אַ, ניין, איך האָב ערשט אָפּגע־

(ווייטערעס מאָרגן)

# איבער אַ פערטעל מיליאָן אידישע קינדער אין אַמעריקע באַזוכן שולן פאַר אידישער ערציהונג

(שלוס פון פעדוש 6)

דאָ אַ מיידעל פון קובאַ, אַ אינגעל פון רוסלאַנד, אויך אַ פּאָר שוואַרצע אינגלעך און מיידלעך. די שוואַרצע האַלטן זיך באַזונדער, אָפּגעווייטערט. ניט דערפאַר, ווייל זיי ווילן זיין באַזונדער, ווילן זיין ווייט פון אונז. מיר זיינען מעהר שולדיג ווי זיי. מיינע ניט־אידישע פריינט זעהען ביי מיר אידישע ביכער. זיי קוקן אַריין, פאַרוואונדערט, נייגעריג, ווילן אַז איך זאָל זיי פאַרטייטשן, ערקלערן. איך זאָג זיי, אַז איך לערן זיך אין אַ אידישער שול,

אידען, ווייל זייערע טאַטעס און מאַמעס זיינען אידען. אָבער אַ פונדאַמענט אַליין איז ווייניג. אויפ׳ן פונדאַמענט דאַרף מען ערשט שטעלן אַ געביידע. ווייס דער תלמיד אַביסעל פון אידישקייט, ווייס ער אידישע געשיכטע, ער פּראַקטיצירט זיין אידישקייט אויך מיט רײדן אידיש. קומט דעריבער זיין ענטפער: „איך בין דער אידישער צווישן זיי.“

אָבער זעהר ווייניג אידישע קינדער רעדן און פאַרשטעהן אידיש. שרייבט אַ שילערין: „איך בין טרויעריג, וואָס אַזוי פיל אידישע קינדער

...

— קומט מיט מיר! — האָט

# זי איז די בעסטע שרייבערין פון דעטעקטיוו ראָמאַנען

(שלוס פון פעדוש 2)

פון צייט־צו־צייט אַ נייע „שערלאָק האָלמס“ דעטעקטיוו מעשה.

דער בעסטער אַמעריקאַנער שרייבער פון דעטעקטיוו ראָמאַנען, צווישן די יאָרן 1927 און 1939, איז געווען ס. ס. וואַן דאַין. זיין אמת׳ער נאָמען איז גאָר געווען ווילאַרד האַנטינגטאָן ראַיט. זיין אמת׳ער באַרוף איז גאָר געווען — עסטעטיק, קונסט, מאַלעריי. מר. ראַיט איז געווען אַ „פיינשמעקער“ פּרימאַ־שבפּרימאַ, אַן עסטעט איינער אין אַמעריקע, אַ קונסט מבין, אַ מפונק. פּלוצים — און אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען — האָט ער אָפּגעדרוקט אַ דעטעקטיוו ראָמאַן אין 1927 מיט׳ן טיטול: „דהי קענערי מוירדער קעיס“. מיט צוויי יאָר שפּעטער: „דהי בישאָפּ מוירדער קעיס“. און נאָך און נאָך דעטעקטיוו ראָמאַנען — אינטערעסאַנטע, אויסטערלישע דעטעקטיוו ראָמאַנען. דעם אמת׳ן נאָמען פון׳ם מחבר האָט מען זיך ערשט דערוואוסט אין די 1930׳ער יאָרן. אַן אויסערגעוויינליכן ערפאָלג האָבן אָט־די דעטעקטיוו ראָמאַנען

האָלמס“ דעטעקטיוו מעשיות האָט קיינער אין ענגלאַנד ניט באַוויזן אָנצושרייבן אַ באמת־גוטן דעטעקטיוו ראָמאַן. האָט זיך מרס. אַגאַטאַ קריסטי גלייך אָוועקגעזעצט און גענומען אַרבייטן אויף אַ דעטעקטיוו ראָמאַן. זי האָט דעם דעטעקטיוו ראָמאַן טאַקע אָנגעשריבן, אָבער ס׳האָט גענומען צוויי יאָר ביז אַ פאַרלעגער האָט איינגעוויליגט אַרויסצוגעבן דעם בוך. האָבענדיג ענדליך אָפּגעדרוקט איר ערשטן דעטעקטיוו ראָמאַן, וואָס איז, אַגב, געווען אַ מיטעלמעסיגער ערפאָלג, האָט זי גענומען פאַרפאַסן נאָך דעטעקטיוו ראָמאַנען. די שפּעטערע ביכער האָבן געוואַלדיג אויסגענומען. אַ שלל מיט געלט האָבן שוין די ביכער אַריינגעטראָגן. אויף אַלע מאָדערנע שפּראַכן זיינען איהרע ביכער איבערגעזעצט געוואָרן — אַריינגערעכנט אפילו טערקיש, אַריינגערעכנט אפילו יאַפּאַנעזיש.

דער הויפּט־העלד פון אַלע איהרע ביכער איז אַ בעלגישער דעטעקטיוו מיט׳ן נאָמען ערקול פּוּאַראָ — ער לעבט, הייסט עס, אין ענגלאַנד און פאַרנעמט זיך מיט פּריוואַטע דעטעק־

# בריפקאַסטען

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאַרזעצונג)

סאני איז געבליבען זיצען אפּהענ־טיק. ער האט גאר ניט געזאגט, און עלינאר האט גענומען צונויפּקלייבען אירע זאכען: דעם פּאקעטבוק, אירע הענטשקעס, דעם מאַנטעל. זי איז צו־געגאנגען צום פענסטער, פאַנאַנדער־געשארט די פאָרהאַנגען. עס האט שטארק גערעגנט אין גאס. אויף דעם האט זי זיך ניט גערעכט. זי איז נים געווען צופרידען.

— עס רעגענט אין גאס, וואס טוט מען? דו האסט אפשר א שירעם, סאני?

— יע, דוכט זיך. — ער איז אוועק זוכען א שירעם, נאר ניט געפונען.

— ווארט אוים אביסעל. ס'וועט אפשר באלד איבערגעהן דער רעגען. — האט ער זיך אפּגערופען. ער האט קוים געקענט באהאלטען ווי צופרידען ער איז פון דעם, וואס עס רעגענט איצט.

— דו ווייסט וואס, עלינאר, פאר־בלייב גאר דא נעכטיגען, — האט ער איר פארגעלייגט. איך וועל שלאפען מיט שעדי'ן און דו וועסט קענען האַ־בען מיין בעט. דו ווילסט?

ער האט גערעדט אין א געלאסענעם טאן. ער האט דא ניט געמיינט קיין שום שלעכטס.

— ניין, איך וועל בעסער געהן אהיים, — האט עלינאר זיך אפּגערו־פען, אויך זעהר געלאסען. — איך וועל מיטנעמען א צייטונג צו פארשטעלען זיך פון רעגען.

זי האט ריידענדיג אראפּגעקוקט צו די שפּיצען פון אירע שיך. סאני האט פאררויכערט א פּאפּיראס. ער האט געשוויגען א ווייַלע. געקוקט אויף עלינאר'ן פון דער זייט.

— איז בלייב נאך דא אביסעל, עלי־נאר. אפשר וועט באלד איבערגעהן דער רעגען. — האט ער זיך אפּגערו־פען, נאך אלץ פּרואווענדיג איהר פאר־האלטען. עלינאר האט געגעבען אויף איהם א שנעלען קוק, איהרע טונקעלע אויגען האבען א לייכט געטאן מיט כעס אדער פארוואורף. איהם איז דאס שווער געווען צו באשטימען, נאר ער האט מיט אמאל דערפיהלט זיך פארשעמט.

עלינאר האט שוין געהאט אנגעטאן איהר מאנטעל און דאס געבלומטע טיכעל אויפ'ן קאפּ. אונטער'ן ארעם האט זי שוין געהאט גרייט א צייטונג צו פארשטעלען זיך פון רעגען. סאני האט נאכגעקוקט יעדע באוועגונג אירע. ער האט א ווארף געטאן דעם פּאפּיראס, וואס ער האט געהאלטען אין האנט, און אויך גענומען אנטאן זיין מאנטעל.

— ווארט אויף א ווייַלע — האט ער איהר געזאגט. — איך וועל דיך אפּפי־רען אהיים.

— ניין, מען דארף ניט, דו בלייב דא, — האט זי ארויסגערעדט אנטשלא־סען.

— וואס מיינסטו, איך זאל דיך לא־זען געהן אליין אין אזא רעגען.

— איך וועל נעמען די סאבוועי, עס איז דא דערביי, — האט זי געפּרואווט מאכען א פרעהליכע מינע.

זי האט אויף גיך א זאג געטאן „גוד־באי", האט איבערגעלאזען סאני'ן אז אויפגערייצטען און אז אומצופרידענעם און זי איז אויף גיך ארוים פון שטוב.

---

עלינאר האט זיך געפיהלט שולדיג אנטקעגען סאני'ן זינט יענעם אווענט. ווען עס האט גערעגענט און ער האט איהר געבעטען זיך אפּשטעלען אין סטודיא איבערנעכטיגען. זי האט זיך דערפון אפּגעזאגט, און זי האט דעמאלט גערעדט צו איהם מיט א כעס. ער האט דאך ניט געמיינט קיין שום שלעכטס. איצט איז שוין איהר כעס איבערגעגאנ־גען. ער איז איהר צו נאהענט. זיי האַ־בען זיך דאך ליב. און איצט האט זי שוין נאך איהם געבענקט.

נאך דיזעלביגע וואך האט זי באַ־שלאסען, זי וועט אליין קומען אין דער סטודיא צו זעהן זיך מיט איהם און ניט פיהרען מיט איהם מעהר קיין ברוגז. דאס איז געווען אין א זונטאג אווענט. ווען זי האט געוואוסט, אז אין סטודיא איז דעמאלט אלע מאל פאראן א גרוי־סער עולם יונגווארג. סאני'ס און טעד־די'ס פריינט. געהענדיג אהין, האט זי זיך שוין פארגעשטעלט ווי סאני וועט אן עפען טאן די טיר. ער וועט איהר לויפען אנטקעגען מיט שמחה.

— אה, עלינאר", — וועט ער אויס־רופען, און ער וועט איהר ארומנעמען און קושען.

זי איז געווען אזוי זיכער, אז סאני ווארט שוין אויף איהר מיט אומגעדולד. נאר אז זי האט אנגעקלונגען אין דער וואוינונג, האט געעפענט פאר איהר די טיר ניט סאני, נאר זיין פריינט טעדי בווירגער. זיי האבען זיך געגריסט און עלינאר איז באלד אריין אין סטודיא. דאס גרויסע צימער איז פול געווען מיט פרעהליכן רעש און גערייידעריי און מיט דעם רויך פון פּאפּיראסען. עלינאר האט מיט די אויגען ארומגעזוכט סאני'ן צווישען עולם. ער איז דא ניט געווען. ס'איז געווען מאדנע. די יונגע מילדרעד, טעדי'ס מיידעל, איז צוגעגאנגען צו עלינאר'ן, געבעטען איהר אויסטאן דעם מאנטעל און זיך זעצען דא מיט אלע־מען.

— סאני וועט מסתמא באלד אנקו־מען, — האט זי איהר פארזיכערט.

עלינאר האט ניט געוואוסט וואס צו טאן. זאל זי זיך דא אפּשטעלען אדער ניט. אהן סאני'ן האט איהר דאס צימער אויסגעזעהן פוסט און די מענשען ווי פרעמדע. מיט אומרוהיגע פינגער האט זי געשפּיליעט און אפּגעשפּיליעט איהר מאנטעל. זי איז געשטאנען אין מיטען צימער און געפיהלט אויף זיך א סך נייגעריגע בליקען. אלע האבען דאך געוואוסט, אז זי איז סאני'ס געליבטע. זי איז „זיין מיידעל".

עלינאר האט באמערקט ווי עטליכע פון די יונגע מיידלעך האבען אנגעהויבען צו שושקען זיך איינע מיט די אנ־דערע. זי האט דערהערט דערמאנען דעם נאמען פון דעם מיידעל שארלאט, און דעמאלט האט זי זיך געכאפּט, אז שארלאט איז דא איצט אויך ניטא. און זי האט זיך שטארק געוואונדערט. זינט זי געדענקט, האט שארלאט נאך ניט פארפעלט קיין איין זונטאג אווענט דא צו זיין. און דאס איז אויך געווען זעהר מאדנע. סאני און שארלאט זיינען ביי־דע פארפאלען געווארען אין איין צייט.

טעדי האט דערזעהען עלינאר'ן שטעהענדיג אזוי אביסעל א פארלאַ־רענע. ער איז צוגעגאנגען צו איהר. אויף זיין פּנים איז געווען ווי אנגע־שריבען, אז ער פיהלט איהר מיט.

— עלינאר, אז איהר ווילט קען איך אפּרופען אין א פּאר ערטער וואו סאני קומט אריין, — האט ער איהר פארגע־לייגט. — אפשר איז ער דארט איצט פאראן.

— ניין, מען דארף ניט, טעדי, א דאנק — האט זי איהם געזאגט. — איך וועל שוין געהן אהיים.

נאר זי איז נאך ניט אוועק. זי האט זיך צוגעזעצט אויף א שטול אין איהר מאנטעל, ארויסגענומען איהרע פּאפּי־ראסען און פאררויכערט. נאר לאנג האט זי ניט געקענט איינזיצען אויף אן ארט. — „וואו האט ער געקענט אוועקגעהן, סאני?" — זי איז מיט יעדער מינוט אלץ אומרוהיגער געווא־רען, אלץ אומגעדולדיגער. זי האט זיך געמיהט איינצוהערען יעדען שארך אין קארידאר. אט וועט זי דערהערען ווי מען שליסט די טיר. סאני וועט אריינקומען. ניט אליין, נאר מיט דעם מיידעל שארלאט. ניין, זי וויל דעמאלט ניט זיין דערביי. זי האט זיך גע־שעמט פאר די אלע מענשען דא אין צימער. איהר האט זיך געדוכט, אז זיי ווייסען עפּעס א סוד וועגען איהר. אין דער מינוט האט זי שטארק גע־ליטען, עלינאר.

(ווייטערעס מארגען)

# אליהו אילת און אבא איבן

פון גרשון סוועט

(שלוס פון פּעידוש 1, סעקשאן 2)

באקאנט, געווען געגנעריש צום ציו־ניזם. אין די לעצטע צוויי־דריי יאהר האט זיך זייער באציהונג צום ציוניזם און צו דער מדינת ישראל באדייטענד געביטען. דער טאן איז געווארען פריינטליכער, די פּובליציסטישע בא־האנדלונג — סימפּאטישער. ווארי־מער. דאס איז קודם כל א פארדינסט פון אייַלאט'ן. דאס, וואס עס איז אמעריקאנער ציוניסטישע פירער אין משך פון עטליכע צענדליג יאהרען נישט געלונגען — איז איהם געלונגען. אויך דא האט, נאטירליך, געשפּילט א ראלע דער געפיהל פון צוטרוי, וואס דער מענש פלעגט צו זיך ארויס־רופען.

אויך ביי די אמעריקאנער ציוניסטי־שע פירער און פּערזענליכקייטען האט אייַלאט מצליח געווען. איינער פון די געוועזענע פּרעזידענטען פון דער אמעריקאנער ציוניסטישער ארגאני־זאציע, ווען ער האט דערהערט אז מ'פירט אריבער אייַלאט'ן קיין לאנ־דאן — האט ער אויף זיין אייגענער אחריות אוועקגעשיקט א דעפּעשע צו בן־גוריון'ען און שארעט'ן, אז מ'זאל אייַלאט'ן איבערלאזען אין וואשינג־טאן, ווייל קיין „בעסערען אמבאסא־דאר פאר וואשינגטאן וועט מען נישט געפינען". איז עס געווים געווען אן עטוואס נאאיווע האנדלונג מצד דעם ציוניסטישען עקס־פּרעזידענט, אבער כאראקטעריסטיש איז עס ווי ווייט אויך די אידישע פירער אין דעם אמע־ריקאנער וועלט האבען אייַלאט'ן גע־שעצט.

מ'וואלט געקענט זעהר א סך דער־צעהלען וועגען דעם קאַפּיטעל בער־נארד בארוך און אליהו אייַלאט. ווען איך בין געווען שבועות אין דער ישראל עמבעסי אין וואשינגטאן, האט אייַלאט מיר געוויזען איניגע „היסטארישע" דאקומענטען, צווישען זיי אויך איי־ניגע, וועלכע האבען א שייכות צו בערנארד בארוך. אבער דאס איז אן ענין פאר דעם צוקונפטיגען היסטא־ריקער פון אונזער עפּאכע און נישט פאר א טאג־צייטונג.

* * *

אין דער 2210 מאסאטשוזעטס עוועניו אין וואשינגטאן האט זיך פאר די צוויי יאהר אויסגעבילדעט א הויך־קוואליפיצירטער סטעף. דער קאנ־סעלאר, דער איצטיגער „שארזשע ד'אפער", וועלכער פארטרעט דעם אמבאסאדאר ווען ער איז נישטא, איז דר. משה קרן (עס לייענט זיך קע־רען). ער איז אן אנגעזעהענער זשור־נאליסט, א געוועזענער לייט־ארטיקעל שרייבער פון דעם „הארץ", פּובלי־ציסט פון הויכען ניוואָ, פון פילזייטי־גער בילדונג און גרויסער זשורנאליס־טישער און פּאליטישער ערפאַרונג. פאר ווירטשאפטליכע פראגען איז פאראן אן אנגעזעהענער ספּעציאליסט — דר. משה וויטקאן, וועלכער האט יאהרען־לאנג פארנומען א הויכען פּאסטען ביי דער ענגלישער מאנדאט־רעגירונג אין ארץ־ישראל. דר. וויט־קאן שטאמט, אגב, פון דער משפּחה פון דעם בארימטען בערלינער פּובלי־ציסט פון דער ווילהעלמינישער עפּאכע, מאקסימיליאן הארדען. הארדען'ס נאמען איז געווען וויטקאווסקי. (אויך דעם דר. וויטקאן'ס נאמען איז געווען פריהער וויטקאווסקי). פאר לאנד־ווירטשאפטליכע ענינים איז פאראן אויך אן אנערקענטער ספּעציאליסט אויף דעם געביט — דר. לודוויג סע־מיועל. ביידע „ערשטע סעקרעטארען" פון דער עמבעסי זיינען: ארטור ליווערהאנט און משה יובל. ביידע זיינען זיי זייט יאהרען געווען פאר־בונדען מיט דער אידישער אגענטור אין ארץ־ישראל, האבען געדינט אין דער פּאליטישער אפּטיילונג און זיי־נען ביידע גוטע, ערפאַרענע פאכמע־נער אין אונזערע ענינים.

דער פּעקסאנאל פון דער ישראל־עמבעסי אין וואשינגטאן באשטעהט פון איבער 40 אנגעשטעלטע. די פּרעסע־אפּטיילונג איז פריהער געלע־גען אין די הענט פון הערי זינדער, א זשורנאליסט פון „לאיף" און „טאים", וועלכער איז אויפגעוואקסען אין ישראל. איצט האט צו טאן מיט די פּרעסע־ענינים א זשורנאליסט ראזענ־קראנץ, וועלכער האט יאהרען־לאנג געהערט צום סטעף פון דער ענגלי־שער ירושלים'ער „פּאלעסטאין פּאסט" (איצט „דזשערוזאלעם פּאסט"). מיט איהם ארבייט א אידיש מיידעל פון לאנדאן, מינא דאווידאוויטש. די סעק־רעטארין פון'ם אמבאסאדאר איז א אידיש מיידעל פון פילאדעלפיע, וועל־כע האט געדינט אין ישראל־מיליטער און שרייבט און רעדט א זעהר גוטען העברעאיש.

* * *

דאס קאַפּיטעל אליהו אייַלאט, דאס דראמאטישע קאַפּיטעל פונ'ם ערשטען אמבאסאדאר פון ישראל אין וואשינג־טאן, איז פארענדיגט. עס הויבט זיך אן א נייַ קאַפּיטעל אין די דיפּלאמא־טישע באציהונגען צווישען דער מדינת אמעריקע און דער מדינת ישראל, וואס וועט זיין פארבונדען מיט'ן נאמען אבא אבן.

וועגן איהם — אז אנדערס מאל.

# די העכסטע שטאט אין דער וועלט

פון י. בעלער

(שלוס פון פּעידוש 2, סעקשאן 2)

איזראעליטא) אין לא פּאז, וואס קאסט א מיליאן באליוויאנאס (אריבער הונ־דערט טויזענט אמעריקאנער דאלער) וואס איז דארט א גאר גרויסע סומע, וואו עס וועלען זיך געפינען אלע אי־דישע אינסטיטוציעס. ארגאניזירט א אידיש קהילה־לעבען אויפ'ן מוסטער פון דער אלטער היים, מיט א בית־הקברות, א שוהל, די נויטיגע כלי־קודש און אפילו א רב, הרב י. וואג־נער. פאראן דארט פּארטייען פון אלע מינים, פון פּועלי ציון ביז רעוויזיא־ניסטען. דער ווייטער אידישער ישוב אין באליוויע שטיצט מיט א ברייטער האנט כמעט אלע אידישע הילפס־אקציעס, וואס זיינען געוועהנליך פאר־איינגט. אבער די פאראייניגונג קומט דארט שווער אן, ווייל די וואנט צווי־שען „אסט"־ און „וועסט"־יודען, וואס איז שוין נאכ'ן גרויסען חורבן פאר־שוואונדען, האט זיך דארט פון דאס ניי אנגעהויבען. אינזערע אידען, פּשוט'ע פאלקס־מענשען, קאנען ניט לײדען, אז מען קוקט אויף זיי פון אויי־בען אראפּ.

שפּורען פון אידישער פארגאנגענ־הייט אין יענעם ווייט־פארווארפענעם ווינקעל פירען אזוי ווייט ביז צום יאר 1641, ווען דער הויפּט־אינקוויזיציע־טריבונאל אין לימא האט אויך געהאט די אויפזיכט איבער לא פּאז, וואו עס זיינען, ווי אין אלע אנדערע לענדער, אנטלאפען מאראנען פון שפּאניע זיך אויסצובאהאלטען אין די דארטיגע מאסיווע קייטען בערג, און ביז אהין האט זיי דער ווילדער האס און צארן פון דער אינקוויזיציע פארפאלגט. אין איינער פון די גרעסטע קירכעס, „סאן לארענסא", אין פּאטאסי, די פּראווינץ וואו עס געפינען זיך די בארימטע זילבער־מינען פון אידישען מאגנאט מאוריציא האכשילד, קענט איר זעהן די בילדער פון די נביאים אליהו, דניאל, ישעיהו, יחזקאל, הושע, ירמיהו און חזקיהו המלך. עס איז העכסט־וואַרשיינליך, אז דאס איז די ארבייט פון א באהאלטענעם מארא־נא, וואס האט אין דער קירכע ארייַנ־געשמוגעלט די בילדער פון די אידי־שע נביאים.

ווי אין אנדערע לאטיין־אמעריקא־נער לענדער קען מען אויך אין באלי־וויע געפינען צווישען די אריסטא־קראטיע אידיש און העברעאיש קלינ־גענדע נעמען. אזוי האט גאנץ באלי־וויע געהאלטען, אז דער פריהערדיגער פּרעזידענט הענריקא הערצאג שטאמט פון אידען, און די אפּאזיציע־צייטונ־גען האבען עס איהם אפען פארגע־ווארפען. דער פּרעזידענט אליין האט איבער דעם געהאט א קאמפּלעקס צו־ליב דעם, וואס די נאציאנאליסטען־פאשיסטען פלעגען דאס איהם אפט דערמאנען און ער האט געוואלט בא־וויַיזען פונקט פארקערט... אז ער האט גאר פיינט אידען... און ער איז דער־פאר געווען אן אנטיסעמיט. מעגליך, אז פּרעזידענט הערצאג האט טאקע צוליב דעם געמוזט צוריקציהען זיך פון זיין אמט און איבערגעבען זיין פּרעזידענטשאפט צו מאמערטא אורא־לאגאסיא. געהייסען האט עס, אז ער ציהט זיך צוריק צוליב קראנקהייט.

עס איז אינטערעסאנט, אז דארט וואו עס געפינען זיך שפּורען פון די אמאליגע מאראנען, געפינען זיך היינט־צו־טאג די זילבער־מינען פון אידישען מינען־מאגנאט מאוריציא האכשילד, מיט וועמען די צייטונגען פון דער וועלט האבען מיט א צייט געקלונגען צוליב דעם, וואס ער איז איינמאל פאראורטיילט געווארען צום טויט, און א צווייטען מאל געקידנעפּט געווארען אין לא פּאז. ווער איז עס דער מאוריציא האכשילד, דער רייכ־סטער מינען־מאגנאט אין לאטיין־אמעריקע? נאך דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער, א אידישער מינען־אינזשעניר, געקומען פון דייטשלאנד קיין באליוויע מיט א שטארקען אונ־טערנעמונגס־גייסט. און זיך גענומען צו עקספּלואטירען מינען, וואס זיינען פארטרונקען פון וואסערען און זייערע אינסטאלאציעס פארשוואונדען. ער האט אין דער אונטערנעמונג באגליקט און איבערגענומען די לייטונג פון מינען מיט'ן נאמען „קאמפּאניא רואנקא־טשא". אין יאר 1929 האט ער גע־גרינדעט די „פּאטאסי קאמפּאני", וואס איז היינט־צו־טאג די גרעסטע צינק פירמע פון דער וועלט. די מינען געפינען זיך אריבער פיר טויזענט מע־טער הויך פון דער ים־פלאך, וואו עס איז צוליב דעם לופט־דרוק שווער צו אטעמען. טויזענטער אינדיאנער האַ־בען אין די מינען פארלוירען זייערע לעבענס. גענעראל הערמאן בוש, דער דאמאלסדיגער באליוויאנער פּרעזי־דענט, וואס האט דאן נאך א מילי־טערישען פּוטש פארכאפּט די רעגי־רונג, האט דעם אידישען מאגנאט פאראורטיילט צום טויט. עס האט געפעלט א האר דער אורטייל זאל דורכגעפירט ווערען. שפּעטער איז דער אידישער מאגנאט, ווען ער איז געפאהרען אין א פארשטאט פון לא פּאז, וואו עס געפינט זיך דער טשי־ליאנער קאנסולאט, כדי צו נעמען א וויזע קיין טשילע. אין פּאמע העלען טאג געקידנעפּט געווארען און קיינער האט ניט געוואוסט וואו ער איז פאר־שוואונדען געווארען. אבער פון ביידע, פון טויט־אורטייל און פון קידנעפּען, האט ער זיך אויסגעדרעהט. ער האט באוויזען מיט זיין צופלוס פון זילבער צו פאראורזאכען א רעוואלוציע אין דעם זילבער־געלט פון דער וועלט.

אידישע ישובים ציהען זיך איבער דער לענג און ברייט פון דער באלי־וויאנער רעפּובליק. אין די ווייטע פארווארפענסטע ווינקלען, וואו עס וואוינען די פּרימיטיווסטע איינגע־בוירענע, געפינען זיך אידישע קבוצים. אויסער אין דער הויפּט־שטאט לא פּאז געפינען זיך אידישע ישובים אין קאַ־טשאבאמבא, אהורא, סאנטא קרוז, פּאטאסי. אפילו אזוי ווייט ווי ביז צו דער ארגענטינער גרעניץ, אין קאַ־מערי, וואוינען אידען, וואס האבען אייגענע צענטערס (סירקולאס). וואו־הין עס רייסט זיך דורך אמאל אין א יובל א אידיש ווארט פון דער גרויסער אידישער וועלט. אין קאטשאבאמבא, וואו עס געפינט זיך א געסעל מיט א גאנצע רייע אידישע קרעמלאך, צופר־סענם פון הויכע ריזען־בערג וואס ציהען זיך הויך אין די וואלקענס, קענט איר לייענען אן איבשריפט: „ווייטער פאַ־רען קענט איר ניט". סאידען אויף צוריק... אט דארט ביי „דער ענד" (דער סוף פון דער וועלט), געפינען זיך א פּאר הונדערט אידישע משפּחות וואס האבען אן אייגענעם סירקולא, צוויי שולען, א טעמפּעל און א היימיש שולכעל, וואו מ'קריגט זיך איבער אן עליה... כ'זיצט אויף די בענק אין דער שטאטישער פּלאטא, מען זינגט אין די נאטור־שיינע פארנאכטען אידישע פאלקס־לידער, און ביי טאג זיצט מען אין א אידישער קאפע־הויז, וואו מען רעדט זיך דורך געמיטליך וועגען אמאליגע גוטע צייטען אין די היי־מישע שטעטלאך...



# וואסער שאדעט ניט
## פלארס מיט ביקאן

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

סאני איז געבליבען זיצען אפּהענ־גטיג. ער האט גאר ניט געזאגט, און עלינאר האט גענומען צונויפקלייבען אירע זאכען: דעם פאקעטבוק, אירע הענטשקעס, דעם מאנטעל. זי איז צו־געגאנגען צום פענסטער, פאנאנדער־געשארט די פארהאנגען. עס האט שטארק גערעגענט אין גאס. אויף דעם האט זי זיך ניט גערעכנט. זי איז נים געווען צופרידען.

— עס רעגענט אין גאס, וואס טוט מען? דו האסט אפשר א שירעם, סאני?

— יע, דוכט זיך. — ער איז אוועק זוכען א שירעם, נאר ניט געפונען.

— ווארט אויס אביסעל. ס'וועט אפשר באלד איבערגעהן דער רעגען. — האט ער זיך אפּגערופען. ער האט קוים געקענט באהאלטען ווי צופרידען ער איז פון דעם, וואס עס רעגענט איצט.

— דו ווייסט וואס, עלינאר, פאר־בלייב גאר דא נעכטיגען, — האט ער איר פארגעלייגט. איך וועל שלאפען מיט שעדי'ן און דו וועסט קענען האבען מיין בעט. דו ווילסט?

ער האט גערעדט אין א גלאסענעם טאן. ער האט דא ניט געמיינט קיין שום שלעכטס.

— ניין, איך וועל בעסער געהן אהיים, — האט עלינאר זיך אפּגערו־פען, אויך זעהר גלאסען. — איך וועל מיטנעמען א צייטונג צו פארשטעלען זיך פון רעגען.

זי האט ריידענדיג אראפּגעקוקט צו די שפּיצען פון אירע שיך. סאני האט פאררויכערט א פאפּיראס. ער האט געשוויגען א ווייל. געקוקט אויף עלינאר'ן פון דער זייט.

— איז בלייב נאך דא אביסעל, עלי־נאר. אפשר וועט באלד איבערגעהן דער רעגען. — האט ער זיך אפּגערו־פען, נאך אלץ פרואווענדיג איהר פאר־האלטען. עלינאר האט געגעבען אויף איהם א שנעלען קוק, איהרע טונקעלע אויגען האבען א לייכט געטאן מיט כעס אדער פארוואורף. איהם איז דאס שווער געווען צו באשטימען, נאר ער האט מיט אמאל דערפיהלט זיך פארשעמט.

עלינאר האט שוין געהאט אנגעטאן איהר מאנטעל און דאס געבלומטע טיכעל אויפ'ן קאפּ. אונטער'ן ארעם האט זי שוין געהאט גרייט א צייטונג צו פארשטעלען זיך פון רעגען. סאני האט נאכגעקוקט יעדע באוועגונג אירע. ער האט א ווארף געטאן דעם פאפּיראס, וואס ער האט געהאלטען אין האנט, און אויך גענומען אנטאן זיין מאנטעל.

— ווארט אויף א ווייל! — האט ער איהר געזאגט. — איך וועל דיך אפּפי־רען אהיים.

— ניין, מען דארף ניט, דו בלייב דא, — האט זי ארויסגערעדט אנטשלא־סען.

— וואס מיינסטו, איך זאל דיך לא־זען געהן אליין אין אזא רעגען.

— איך וועל נעמען די סאבוועי, עס איז דא דערביי, — האט זי געפּרואווט מאכען א פרעהליכע מינע.

פיהרען מיט איהם מעהר קיין ברוגז. דאס איז געווען אין א זונטאג אווענט. ווען זי האט געוואוסט, אז אין סטודיא איז דעמאלט אלע מאל פארא א גרוי־סער עולם יונגוואַרג. סאני'ס און טעד־די'ס פריינט. געהענדיג אהין, האט זי זיך שוין פארגעשטעלט ווי סאני וועט אן עפען טאן די טיר. ער וועט איהר לויפען אנטקעגען מיט שמחה.

— אה, עלינאר", — וועט ער אויס־רופען, און ער וועט איהר ארומנעמען און קושען.

זי איז געווען אזוי זיכער, אז סאני ווארט שוין אויף איהר מיט אומגעדולד. נאר אז זי האט אנגעקלונגען אין דער וואוינונג, האט געעפענט פאר איהר די טיר ניט סאני, נאר זיין פריינט טעד־די בווירגער. זיי האבען זיך געגריסט און עלינאר איז באלד ארײַן אין סטודיא. דאס גרויסע צימער איז פול געווען מיט פרעהליכען רעש און גערײַדעריי און מיט דעם רויך פון פאפּיראסען. עלינאר האט מיט די אויגען ארומגעזוכט סאני'ן צווישען עולם. ער איז דא ניט געווען. ס'איז געווען מאדנע. די יונגע מיידלעך, טעדי'ס מיידעל, איז צוגעגאנגען צו עלינאר'ן, געבעטען איהר אויסטאן דעם מאנטעל און זיך זעצען דא מיט אלע־מען.

— סאני וועט מסתמא באלד אנקו־מען, — האט זי איהר פארזיכערט.

עלינאר האט ניט געוואוסט וואס צו טאן. זאל זי זיך דא אפּשטעלען אדער ניט. אהן סאני'ן האט איהר דאס צימער אויסגעזעהן פוסט און די מענשען ווי פרעמדע. מיט אומרוהיגע פינגער האט זי געשפּיליעט און אפּגעשפּיליעט איהר מאנטעל. זי איז געשטאנען אין מיטען

צימער און געפיהלט אויף זיך א סך נייגעריגע בליקען. אלע האבען דאך געוואוסט, אז זי איז סאני'ס געליבטע. זי איז „זיין מיידעל".

עלינאר האט באמערקט ווי עטליכע פון די יונגע מיידלעך האבען אנגעהויבען צו שושקען זיך איינע מיט די אנ־דערע. זי האט דערהערט דערמאנען דעם נאמען פון דעם מיידעל שארלאט, און דעמאלט האט זי זיך געכאפּט, אז שארלאט איז דא איצט אויך ניטא. און זי האט זיך שטארק געוואונדערט. זינט זי געדענקט, האט שארלאט נאך ניט פארפעלט קיין איין זונטאג אווענט דא צו זיין. און דאס איז אויך געווען זעהר מאדנע. סאני און שארלאט זיינען ביי־דע פארפאלען געווארען אין איין צייט.

טעדי האט דערזעהן עלינאר'ן שטעהענדיג אזוי אביסעל א פארלא־רענע. ער איז צוגעגאנגען צו איהר. אויף זיין פנים איז געווען ווי אנגע־שריבען, אז ער פיהלט איהר מיט.

— עלינאר, אז איהר ווילט קען איך אפּרופען אין א פאר ערטער וואו סאני קומט ארײַן, — האט ער איהר פארגע־לייגט. — אפשר איז ער דארט איצט פאראן.

— ניין, מען דארף ניט, טעדי, א דאנק — האט זי איהם געזאגט. — איך וועל שוין געהן אהיים.

נאר זי איז נאך ניט אוועק. זי האט זיך צוגעזעצט אויף א שטול אין איהר מאנטעל, ארויסגענומען איהרע פאפּי־ראסען און פארריכערט. נאר לאנג האט זי ניט געקענט איינזיצען אויף אן ארט. — „וואו האט ער געקענט אוועקגעהן, סאני?" — זי איז מיט יעדער מינוט אלץ אומרוהיגער געווא־רען, אלץ אומגעדולדיגער. זי האט זיך געמיהט איינצוהערען יעדען שארך אין קארידאר. אט וועט זי דערהערען ווי מען שליסט די טיר. סאני וועט ארײַנקומען. ניט אליין, נאר מיט דעם מיידעל שארלאט. ניין, זי וויל דעמאלט ניט זיין דערביי. זי האט זיך גע־שעמט פאר די אלע מענשען דא אין צימער. איהר האט זיך געדוכט, אז זיי ווייסען עפּעס א סוד וועגען איהר. אין דער מינוט האט זי שטארק גע־ליטען, עלינאר.

(ווייטערעס מארגען)

# אליהו אילת און אבא איבן

פון גרשון סוועט

(שלוס פון פּעידזש 1, סעקשאן 2)

באקאנט, געווען געגנעריש צום ציו־ניזם. אין די לעצטע צוויי־דריי יאהר האט זיך זייער באציהונג צום ציוניזם און צו דער מדינת ישראל באדייטענד געביטען. דער טאן איז געווארען פריינטליכער, די פובליציסטישע בא־האנדלונג — סימפּאטישער, וואר־מער. דאס איז קודם כל א פארדינסט פון אייליאט'ן. דאס, וואס עס איז אמעריקאנער ציוניסטישע פירער אין משך פון עטליכע צענדליג יאהרען נישט געלונגען — איז איהם געלונגען. אויך דא האט, נאטירליך, געשפּילט א ראלע דער געפיהל פון צוטרוי, וואס דער מענש פלעגט צו זיך ארויס־רופען.

אויך ביי די אמעריקאנער ציוניסטי־שע פירער און פערזענליכקייטען האט אייליאט מצליח געווען. איינער פון די געוועזענע פרעזידענטען פון דער אמעריקאנער ציוניסטישער ארגאני־זאציע, ווען ער האט דערהערט אז מ'פירט אריבער אייליאט'ן קיין לאנ־דאן — האט ער אויף זיין אייגענער אחריות אוועקגעשיקט א דעפּעשע צו בן־גוריון'ען און שארעט'ן, אז מ'זאל אייליאט'ן איבערלאזען אין וואשינג־טאן, ווייל קיין „בעסערען אמבאסא־דאר פאר וואשינגטאן וועט מען נישט געפינען". איז עס געווען געווען אן עטוואס נאאיווע האנדלונג כיצד דעם ציוניסטישען עקס־פרעזידענט, אבער כאראקטעריסטיש איז עס ווי ווייט אויך די אידישע פירער אין דעם אמע־ריקאנער וועלט האבען אייליאט'ן גע־שעצט.

מ'וואלט געקענט זעהר א סך דער־צעהלען וועגען דעם קאפּיטעל בער־נארד בארוך און אליהו אייליאט. ווען איך בין געווען שבועות אין דער ישראל עמבעסי אין וואשינגטאן, האט אייליאט מיר געוויזען אייניגע „היסטארישע" דאקומענטען, צווישען זיי אויך איי־ניגע, וועלכע האבען א שייכות צו בערנארד בארוך. אבער דאס איז אן ענין פאר דעם צוקונפטיגען היסטא־ריקער פון אונזער עפּאכע און נישט פאר א טאג־צייטונג.

* * *

אין דער 2210 מאסאטשוזעטס עוועניו אין וואשינגטאן האט זיך פאר די צוויי יאהר אויסגעבילדעט א הויך־קוואליפיצירטער סטעף. דער קאונ־סעלאר, דער איצטיגער „שארזשע ד'אפער", וועלכער פארטרעט דעם אמבאסאדאר ווען ער איז נישטא, איז דר. משה קרן (עס לייענט זיך קע־רען). ער איז אן אנגעזעהענער זשור־נאליסט, א געוועזענער לייט־ארטיקעל שרייבער פון דעם „הארץ", פּובלי־ציסט פון הויכען ניוואָ, פון פילזייטי־גער בילדונג און גרויסער זשורנאליס־טישער און פּאליטישער ערפארונג. פאר ווירטשאפטליכע פראגען איז פאראן אן אנגעזעהענער ספּעציאליסט — דר. משה וויטקאן, וועלכער האט יאהרען־לאנג פארנומען א הויכען פּאסטען ביי דער ענגלישער מאנדאט־רעגירונג אין ארץ־ישראל. דר. וויט־קאן שטאמט, אגב, פון דער משפחה פון דעם בארימטען בערלינער פּובלי־ציסט פון דער ווילהעלמינישער עפּאכע, מאקסימיליאן הארדען. הארדען'ס נאמען איז געווען וויטקאווסקי. (אויך דעם דר. וויטקאן'ס נאמען איז געווען פריהער וויטקאווסקי). פאר לאנד־ווירטשאפטליכע ענינים איז פאראן אויך אן אנערקענטער ספּעציאליסט אויף דעם געביט — דר. להדוויג סע־מיועל. ביידע „ערשטע סעקרעטארען" פון דער עמבעסי זיינען: ארטור ליווערהאנט און משה יובל. ביידע זיינען זיי זייט יאהרען געווען פאר־בונדען מיט דער אידישער אגענטור אין ארץ־ישראל, האבען געדינט אין דער פּאליטישער אפּטיילונג און זיי־נען ביידע גוטע, ערפארענע פאכמע־נער אין אונזערע ענינים.

דער פּעקסאנאל פון דער ישראל־עמבעסי אין וואשינגטאן באשטעהט פון איבער 40 אנגעשטעלטע. די פּרעסע־אפּטיילונג איז פריהער געלע־גען אין די הענט פון הערי זינדער, א זשורנאליסט פון „לאיף" און „טאים", וועלכער איז אויפגעוואקסען אין ישראל. איצט האט צו טאן מיט די פּרעסע־ענינים א זשורנאליסט ראזענ־קראנץ, וועלכער האט יאהרען־לאנג געהערט צום סטעף פון דער ענגלי־שער ירושלים'ער „פּאלעסטאין פּאסט" (איצט „דזשערוזאלעם פּאסט"). מיט איהם ארבייט א אידיש מיידעל פון לאנדאן, מינא דאווידאוויטש. די סעק־רעטארין פון'ם אמבאסאדאר איז א אידיש מיידעל פון פילאדעלפיע, וועל־כע האט געדינט אין ישראל־מיליטער און שרייבט און רעדט א זעהר גוטען העברעאיש.

* * *

דאס קאפּיטעל אליהו אייליאט, דאס דראמאטישע קאפּיטעל פון'ם ערשטען אמבאסאדאר פון ישראל אין וואשינג־טאן, איז פארענדיגט. עס הויבט זיך אן א נייע קאפּיטעל אין די דיפּלאמא־טישע באציהונגען צווישען דער מדינת אמעריקע און דער מדינת ישראל, וואס וועט זיין פארבונדען מיט'ן נאמען אבא אבן.

וועגען איהם — אן אנדערש מאל.

# די העכסטע שטאט אין דער וועלט

פון י. בעלער

(שלוס פון פּעידזש 2, סעקשאן 2)

איזראעליטא) אין לא פאז, וואס קאסט א מיליאן באליוויאנאס (אריבער הונ־דערט טויזענט אמעריקאנער דאלער) וואס איז דארט א גאר גרויסע סומע, וואו עס וועלען זיך געפינען אלע אי־דישע אינסטיטוציעס. ארגאניזירט א אידיש קהילה־לעבען אויפ'ן מוסטער פון דער אלטער היים, מיט א בית־הקברות, א שוחט, די נויטיגע כלי־קודש און אפילו א רב, הרב י. וואג־נער. פאראן דארט פארטייען פון אלע מינים, פון פּועלי ציון ביז רעוויזיא־ניסטען. דער ווייטער אידישער ישוב אין באליוויע שטיצט מיט א ברייטער האנט כמעט אלע אידישע הילפס־אקציעס, וואס זיינען געווענליך פאר־איינינגט. אבער די פאראייניגונג קומט דארט שווער אן, ווייל די וואנט צווי־שען „אסט"- און „וועסט"-יודען, וואס איז שוין נאכ'ן גרויסען חורבן פאר־שוואונדען, האט זיך דארט פון דאס ניי אנגעהויבען. אינזערע אידען, פּשוט'ע פאלקס־מענשען, קאנען ניט לײַדען, אז מען קוקט אויף זיי פון אויבען אראפּ.

שפּורען פון אידישער פארגאנגענ־הייט אין יענעם ווייט־פארווארפענעם ווינקעל פירען אזוי ווייט ביז צום יאר 1641, ווען דער הויפּט־אינקוויזיציע־טריבונאל אין לימא האט אויך געהאט די אויפזיכט איבער לא פאז, וואו עס זיינען, ווי אין אלע אנדערע לענדער, אנטלאפען מאראנען פון שפּאניע זיך אויסצובאהאלטען אין די דארטיגע מאסיווע קייטען בערג, און ביז אהין האט זיי דער ווילדער האס און צארן פון דער אינקוויזיציע פארפאלגט. אין איינער פון די גרעסטע קירכעס, „סאן לארענסא", אין פּאטאסי, די פּראווינץ וואו עס געפינען זיך די בארימטע זילבער־מינען פון אידישען מאגנאט מאוריציא האכשילד, קענט איר זעהן די בילדער פון די נביאים אליהו, דניאל, ישעיהו, יחזקאל, הושע, ירמיהו און חזקיהו המלך. עס איז העכסט־ווארשיינליך, אז דאס איז די ארבייט פון א באהאלטענעם מאראַ־נא, וואס האט אין דער קירכע ארײַנ־געשמוגעלט די בילדער פון די אידי־שע נביאים.

ווי אין אנדערע לאטיין־אמעריקא־נער לענדער קען מען אויך אין באלי־וויע געפינען צווישען דער אריסטא־קראטיע אידיש און העברעאיש קלינ־גענדע נעמען. אזוי האט גאנץ באלי־וויע געהאלטען, אז דער פריהערדיגער פּרעזידענט הענריקא הערצאג שטאמט פון אידען, און די אפּאזיציע־צייטונ־

גאר פיינט אידען... און ער איז דער־פאר געווען אן אנטיסעמיט. מעגליך, אז פּרעזידענט הערצאג האט טאקע צוליב דעם געמוזט צוריקציהען זיך פון זיין אמט און איבערגעבען זיין פּרעזידענטשאפט צו מאמערטא אורא־לאגאסיא. געהייסען האט עס, אז ער ציהט זיך צוריק צוליב קראנקהייט.

עס איז אינטערעסאנט, אז דארט וואו עס געפינען זיך שפּורען פון די אמאליגע מאראנען, געפינען זיך היינט־צו־טאג די זילבער־מינען פון אידישען מינען־מאגנאט מאוריציא האכשילד, מיט וועמען די צייטונגען פון דער וועלט האבען מיט א צייט געקלונגען צוליב דעם, וואס ער איז איינמאל פאראורטיילט געווארען צום טויט, און א צווייטען מאל געקידנעפּט געווארען אין לא פאז. ווער איז עס דער מאוריציא האכשילד, דער רייכ־סטער מינען־מאגנאט אין לאטיין־אמעריקע? נאך דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער, א אידישער מינען־אינזשעניר, געקומען פון דייטשלאנד קיין באליוויע מיט א שטארקען אונ־טערנעמונגס־גייסט, און זיך גענומען צו עקספּלואטירען מינען, וואס זיינען פארטרונקען פון וואסערען און זייערע אינסטאלאציעס פארשוועכט. ער האט אין דער אונטערנעמונג באגליקט און איבערגענומען די לייטונג פון מינען מיט'ן נאמען „קאמפּאניא רואנקא־טשא". אין יאר 1929 האט ער גע־גרינדעט די „פּאטאסי קאמפּאני", וואס איז היינט־צו־טאג די גרעסטע צינק פירמע פון דער וועלט. די מינען געפינען זיך אריבער פיר טויזענט מע־טער הויך פון דער ים־פלאך, וואו עס איז צוליב דעם לופט־דרוק שווער צו אטעמען. טויזענטער אינדיאנער הא־בען אין די מינען פארלוירען זייערע לעבענס. גענעראל הערמאן בוש, דער דאמאלסדיגער באליוויאנער פּרעזי־דענט, וואס האט דאן נאך א מילי־טערישען פּוטש פארכאפּט די רעגי־רונג, האט דעם אידישען מאגנאט פאראורטיילט צום טויט. עס האט געפעלט א האר דער אורטייל זאל דורכגעפירט ווערען. שפּעטער איז דער אידישער מאגנאט, ווען ער איז געפאהרען אין א פארשטאט פון לא פאז, וואו עס געפינט זיך דער טשי־ליאנער קאנסולאט, כדי צו נעמען א וויזע קיין טשילע, אין פאמע העלען טאג געקידנעפּט געווארען און קיינער האט ניט געוואוסט וואו ער איז פאר־שוואונדען געווארען. אבער פון ביידע, פון טויט־אורטייל און פון קידנעפּען, האט ער זיך אויסגעדרעהט. ער האט באוויזען מיט זיין צופלום פון זילבער צו פאראורזאכען א רעוואלוציע אין דעם זילבער־געלט פון דער וועלט.

אידישע ישובים ציהען זיך איבער דער לענג און ברייט פון דער באלי־וויאנער רעפּובליק. אין די ווייטע פארווארפענסטע ווינקלען, וואו עס וואוינען די פּרימיטיוויסטע איינגע־בוירענע, געפינען זיך אידישע קבוצים. אויסער אין דער הויפּט־שטאט לא פאז געפינען זיך אידישע ישובים אין קא־טשאבאמבא אהורא, סאנטא קרוז, פּאטאסי. אפילו אזוי ווייט ווי ביז צו דער ארגענטינער גרעניץ, אין קא־מערי, וואוינען אידען, וואס האבען אייגענע צענטערס (סירקילאס). וואו־הין עס רייסט זיך דורך אמאל אין א יובל א אידיש ווארט פון דער גרויסער אידישער וועלט. אין קאטשאבאמבא, וואו עס געפינט זיך א געסעל מיט א גאנצע רייע אידישע קרעמלאך, צופּו־סענס פון הויכע ריזען־בערג וואס ציהען זיך הויך אין די וואלקענס, קענט איר לייענען אן איינשריפט: „ווייטער פא־רען קענט איר ניט", סאידען אויף צוריק... אט דארט ביי „דער ענד" (דער סוף פון דער וועלט), געפינען זיך א פאר הונדערט אידישע משפחות וואס האבען אן אייגענעם סירקולא, צוויי שולען, א טעמפּעל און א היימיש שולכעל, וואו מ'קריגט זיך איבער אן עליה... מ'זיצט אויף די בענק אין דער שטאטיגער פּלאטא, מען זינגט אין די נאטור־שיינע פארנאכטען אידישע פאלקס־לידער, אין בייטאג זיצט מען אין א אידישער קאפע־הויז, וואו מען רעדט זיך דורך געמיטליך וועגען אמאליגע גוטע צייטען אין די היי־מישע שטעטלאך...



# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר׳ן „פארווערטס“ — פון ראוז שושנה

(פארטזעצונג)

## דער סוף איז פאר איהר אן ערלייזונג

סעם האט דערפיהלט ווי מען וואלט אים געגעבען מיט א האמער איבער׳ן קאפ. ער האט געפיהלט ווי זיינע קני ברעכען זיך אונטער אים. ער האט געמיינט, אז ער האט ניט ריכטיג געהערט, אבער ראינע האט אים ארומגעכאפט און געטאנצט מיט אים.

— סעם, פריינט מיינער! איך בין גליקליך! א גט וועסטו מיר איצט געבען, א גט!

ער האט נישט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט אים. אבער ער האט זיך באלד דערמאנט, אז זיין מאמע איז שווער קראנק. זי איז דאך לעבענסגעפערליך. ער האט זיך נישט געקאנט דערמאנען וואס ער האט געוואלט טאן.

— יא, יא, איך האב דאך געוואלט אויסזוכען מיין שווער — האט ער זיך דערמאנט און גערעדט צו זיך אליין. —איך מוז דאך ראטעווען מיין מאמע.

— סעם, דו הערסט נישט וואס איך רעד צו דיר? — סעם האט דערפיהלט ווי ראינע רייסט אים פאר׳ן ארבעל.

ער האט איר גארנישט געענטפערט. ער איז מיט גיכע טריט געלאפען צו דער טיר. אין קאפ האבען געקלאפט די שרעקליכע ווערטער: „איך וויל א גט! איך וויל א גט!“

ער איז געלאפען ווי א משוגענער. ווען ער איז געקומען צו עטעלען, האט ער טאקע דארט געטראפען דזשייקאב׳ן. זיי זיינען ווידער אלע אוועק אין שפיטאל, אבער עס איז געווען צו־שפעט.

* ארימע חנה איז שוין געשלאפען איר אייביגען שלאף. זי האט זיך שוין באפרייט פון אירע ווייעס, פון דעם שרעקליכען קאשמאר, וועלכער האט זי כסדר פארפאלגט.

ראינע האט ביי דער לוויה שרעקליך געוויינט און געקוקט מיט מיטלייד אויף סעמ׳ען. עטעלע האט געהאלטען סעמ׳ען אונטער׳ן ארים און כסדר צו אים גערעדט שטיל:

— גלויב מיר, סעם, אז איר איז איצט א סך בעסער. איך וועל דיר דערצעהלען וואס דיין מאמע האט מיטגעמאכט. וועסטו אליין זאגען אז זי איז איצט באפרייט געווארען פון אלע ליידען.

חוה האט געהאט א שרעקליכען פארלוסט אין איר איינציגער פריינדין. חנה איז דאך געווען די איינציגע פון אירע אלע נאהענטע, וואס האט זיך געראטעוועט פון דעם היטלער גיהנום.

ראינע האט אין אזא צייט ניט געהאט קיין מוט צו רעדען מיט סעמ׳ען וועגען א גט און נישט דערצעהלט אים פון איר גליק. דערפאר איז עטעלע שעה׳ן־לאנג געזעסען מיט סעמ׳ען און אים דערציילט וועגען דער טרויעריגער געשיכטע פון וועלכער סעם האט נישט געוואוסט. זי האט אנגעהויבען דערצעהלען מיט א קלאפענדע הארץ און מיט א ציטערדיגער שטימע:

— ווען דער פייער פון דער סטאדאלא איז שוין געווען איינגעלאשען און די דייטשע זעלנער זיינען אין פאניק אנטלאפען, נאכדעם ווי מיין מאמע בלומטשע האט דעם קאמאנדיר אנגעשפיגען אין פנים. דו געדענקסט דאך ווען איך האב דיר דערצעהלט, אז זיי האבען מיין מאמע דערשאסען דעמאלט ווען זיי האבען אונטערגעצונדען די סטאדאלא און פארברענט אלעמען לעבעדיגערהייט.

— דורך די ברענענדיגע ברעטער האבען זיך דעמאלט דורכגעריסען אייניגע מענשען, אפשר א פינף אדער זעקס פערזאן, צווישען וועלכע עס זיינען געווען איך און דיין מאמע חנה גרינפעלד.

— ווי אזוי דער נס איז געשעהן, אז מיר זיינען געבליבען לעבען, ווייס איך נאך ביז היינט נישט. דאס איז געווען איינער פון די אלע נסים, וואס עס האבען דעמאלט פאסירט מיט די אומגליקליכע.

— די עטליכע געראטעוועטע מענשען, מיט בראנד־וואונדען אויף זייערע קערפערס, כמעט נאקעטע, ווייל די מלבושים זיינען געווען האלב פארברענט, זיינען געלאפען אין א פאניק אהין און אהער און מיט די לעצטע כחות און טויט־שרעק געזוכט א באהעלטעניש. מען האט דאך מורא געהאט פאר די מערדער.

— אויף א קופע פארברענטע, נאר הייסע, טליהענדיגע ברעטער, איז געזעסען דיין מאמע.

— איך האב זי אין אנהויב נישט דערקענט, ווייל דער פנים איז געווען שווארץ פון סאזשע און די האר גרוי און פארברענט.

— איך אליין בין אויך געווען האלב פארברענט און שרעקליך דערשלאגען און צעבראכען צוליב דעם פארלוסט פון מיין טייערער מאמע, וואס איז אומגעקומען מיט אזא העלדישען טויט.

— איך האב זיך געפיהלט שרעקליך עלענד, איינע אליין פון מיין גאנצער פאמיליע. מיין מאמע, טאטע, שוועסטער, ברידער, אלעמען פארלוירען. א שרעקליכער וועהטאג האט מיך ארומגענומען. איך האב געוואוסט אז דאס זיצען דא פון דער פרוי איז א גרויסע געפאר. די מערדער וועלען זי דער׳הרג׳ענען.

— איך בין צוגעגאנגען נאהענט כדי איר צו זאגען, אז מען מוז זיך ערגעץ באהאלטען, מען מוז לויפען צו א וואלד, אדער אויסגראבען א גרוב און זיך באהאלטען, ווייל יעדע מינוט וועלען די דייטשען צוריקקומען.

— ווען איך בין צוגעגאנגען נאהענט, האט זיך א געשריי פון פרייד ארויסגעריסען פון מיין האלז.

— חנה! איר לעבט? גאט צו דאנקען! קומט גיכער! קומט! גיכער, גיכער!

— איך האב זיך דערפרעהט וואס כאטש מיין מאמע׳ס חבר׳טע איז געבליבען לעבען.

— איך רעד צו איר, אבער זי ענטפערט מיר נים.

— דער שרעקליכער אומגליק האט זי צודריקט, אפגענומען אירע געפיהלען, איר שכל, איר געדעכטעניס. זי האט גארניט געהערט. דער וועהטאג אין איר איז געוואקסען, צונויפגעדרעהט יעדען נערוו און ארויסגעריסען די הארץ, אלץ ארויסגעריסען אזוי, אז זי האט פון גרויס וועהטאג גארנישט געפיהלט. צו גרויס איז געווען איר בראך. דער גרויסער וועהטאג האט צוגענומען איר פארשטאנד. אבער דאך איז נאך עפעס געבליבען אין איר.

— זי האט ניט געוויינט. זי האט אבער געפיהלט ווי מען וואלט ארויסגעריסען פון איך אירע אינגעווייידען.

— איינגעבויגען איז זי געזעסען נעבען אן אומבאקאנטען טויטען קערפער פון א פרוי און האט מיט דער האנט געריסען פאר די ארבעל, אזוי ווי זי וואלט וועלען זי דערמינטערען. דאן האט זי אנגעהויבען גלעטען אירע האר, גלייך מאכען די צוואר־פענע לאקענס. זי האט ניט געוויינט. זי האט געגלעט דער טויטענ׳ס פנים, די הענט, אזוי ווי דאס וואלט געווען איר אייגען קינד. אירע ליפען האבען עפעס געפרעפעלט א תפילה, אבער אזוי שטיל, כמעט זיך בלויז באוועגט. קיין טאן האט מען ניט געהערט. זי איז געזעסען איינגעקארטשעט, די אויגען איינגעגעסען אין דער טויטער. און דאן האב איך געהערט שטיל ווי זי מורמלט: „מיין קינד! מיין קינד!“...

— שרעקליך איז געווען דאס בילד פון דער שוויגענדיגער מאמע. גרויס איז געווען איר צער, ווי זי האט געגלעט די טויטע באקען פון א פרעמד קינד, מיינענדיג, אז דאס איז אירס. זי האט מיט די גרויס־פאנאדערגעעפענטע אויגען, מיט די צעוואר־פענע האר, געקוקט אזוי משוגע׳דיג. אזוי אונבאהאלפען אויף איר לעצטער טרייסט.

— יא, די אויגען אירע האבען אנגעהויבען קוקען אהן א זין, אהן א געדאנק.

— איך האב נישט פארשטאנען, אז זי איז אראפ פון זינען, ווייל אלע האבען מיר דאך געהאט אזעלכע צייטען, ווען מיר האבען פארלארען דעם געדאנק.

— איך האב זיך געבעטען ביי איר זי זאל געהן מיט מיר. איך האב געמוזט מיט מיינע הענט אויסגראבען א קבר און מקבר זיין די אומגליקליכע טויטע, כדי דיין מאמען אוועקצונעמען פונ׳ם שרעקליכען ארט.

סעם האט גענומען שטארק קושען עטעלע׳ס הענט.

— אט דאס האבען געטאן דיינע הענט, עטעלע! עטעלע!...

סעם האט זיך יאמערליך צעוויינט.

(ווייטערס מארגן)

# אויף דער לויה

(שלום פון פעידוש 2)

בארימקייט און פון דער קנאה פון זיינע „פריינט“ — דעם מאלער ס. און דער מאלער ג. ...

— קלארק געיבעל, — האט געמורמעלט איינע פון די מיידלעך — קלארק געיבעל איז בעסער אין דער ראלע...

— אך, ניין! ער געפעלט מיר בעסער אין . . .

. . . ניט איינמאל האט ער זי צוגערעדט זיי זאלען איבערלאזען אלץ און אוועקגעפארען, אנטלויפען... נאר צוליב זיינע קינדער האט זי ניט צוגעשטימט צו דעם . . . ווי ערשטוינט וואלטען אלע געווארען, ווען זי זאל פלוצלינג א געשריי טאן.

— לאזט מיך! דאס דארף איך גאר שטעהן לעבען זיין קבר! . . .

זי האט זיך אין גאנצען איבערגעגעבען דעם געפיהל פון שווערען פארלוסט און טיפען צער — און זי האט גאר ניט באמערקט, ווי דער אטאמאביל האט זיך אפגעשטעלט, ניט באמערקט, אז מען איז שוין אויף דער סעמעטערי.

די דריי מיידלעך זיינען ארויסגעשפרונגען פון דעם אטאמאביל מיט דער לייכטקייט און פרעהליכקייט פון פויגעלעך.

— שנעלער! מערי! בעלא! ריהר זיך! וועסט פארשפעטיגען! הארי אפ! באלד וועלען זיין „ספיטשעס“...

דער ערשטער האט גערעדט דער מאלער ס. צולענענדיג יעדע ווייל׳ע דאס נאז־טיכעל צו די אויגען, האט ער גערעדט דערפון, וואס פאר א גרויסען ריזיגען קינסטלער די מאלער־משפחה האט פארלארען אין דער פערזאן פון דעם פארשטארבענעם און פארענדיגט האט ער אזוי:

—רוה אין פרידען, מיין גוטער, הארציגער פריינט! מיר וועלען דיך ליב האבען פונקט אזוי ווי מיר האבען דיך ליב געהאט ביי דיין לעבען, און דיין ליכטיג געשטאלט וועט אונז שטענדיג לייכטען, ווי א שטערען אין דער נאכט!

נאכדעם האט גערעדט דער מאלער ג. ער האט ארויסגעבראכט דעם פארשטארבענעמס פארדינסטען אויפ׳ן געביט פון קונסט. „זיין שולע וועט בלייבען אייביג יונג!“ — האט ער אויסגערופען — „און די פארבען זיינע וועלען בלייבען אייביג פריש!“

געענדיגט האט ער דערמיט, וואס ער האט אויסגעמאלט א בילד פון גליקליכען פאמיליען־לעבען — אן אידיליע פון דעם פארשטארבענעם מאלער׳ס לעבען מיט זיין פרוי און קינדער. דאס גאנצע לעבען זיינס דארף דינען אלס א ביישפיל פאר אונז! — האט ער פארענדיגט, און פארשטעלענדיג זיך מיט די הענט די אויגען, איז ער אפגעטראטען פון דעם קבר.

די אלמנה איז געשטאנען ביים סאמע ברעג פון קבר. איהר שווארצער שלייער האט זיך אראפגעלאזט ביז צום ראנד פון איר קלייד. איינגעגראבען אין טיכעל די אויגען און דאס פנים, האט זי פארביטערט געקרעכצט. אז מ׳האט גענומען פארשיטען דעם קבר, האט זי א ציטער געטאן, און זי וואלט געוועזן אומגעפאלען, ווען עס וואלט זי ניט אונטערגעכאפט פון הינטען דער מאלער ג.

מען האט איהר געגעבען שמעקען עפעס א זאלץ.

ווי אזוי מען האט פארשאטען דעם קבר, ווי אזוי ס׳איז אויסגעוואקסען איבער איהם א בערגעל — דאס האט שטאנען איז זי פון הינטען, פארזי איז געווען א קליינינקע און געשטאנען איז זי פון הינטען פארשטעלט פון אנדערע מענשען.

און אז מען האט די אלמנה אוועקגעפיהרט אונטער די ארעמס און אריינגעזעצט אין אטאמאביל, און אלע אנדערע האבען אין איילעניש פארכאפט ערטער, אין אנדערע אטאמאבילען, איבערלאזענדיג דעם מאלער איינעם אליין אין פרישען קבר — האט די מאדעל שוין ניט געפונען איהרע דריי מיידלעך. אפנים זיי האבען אן איהר פארגעסען און אוועקגעפאהרען אהן איהר.

און אזוי ווי קיין אנדער פרייער פלאץ אין די אטאמאבילען איז פאר איהר שוין ניט געווען, — האט זי זיך געלאזט געהן צופוס . . .

# נארמאן טהאמאס און די סאציאליסטישע פארטיי

(שלום פון עדיטאריעל פעידוש)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין פוילען — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

# די טאכטער פון א פויגעל

א דעטעקטיוו ראמאן — פון שלמה בן־ישראל

(פארטזעצונג)

(ווייטערס מארגן)

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אלץ האט זיך אויסגעלאזען ווי אייב האט איר געזאגט. די ערשטע צייט, ווען זי האט סאני'ן דערקענט, האט זי געהערט פון אים דערהויבענע רייד וועגען מענשען פון הויכען גייסט, וואס קענען זיך ניט אריינפאסען אין אונזער באגרעניצטען לעבען. דאס איז געווען פארבאפענדיג און ניי פאר איר. סאני אליין האט איר דעמאלט אויסגעזעהן צו זיין אזא מענש פון הויכען גייסט. נאר זי האט שפעטער אט־די זעלביגע רייד שוין געהערט פון אים א סך מאל. און איצט האבען זיי שוין אויף איר קיין איינדרוק ניט געמאכט. און פון סאני'ן אליין האט זי שוין אויך איצט ניט געקענט ערווארטען קיין גרויסע זאכען. קיינמאל האט זי אים ניט געזעהן, ער זאל זיין מיט עפעס פארנומען, ער זאל לערנען, אדער עפעס שטודירען. ער האט אנגעהויבען א סך זאכען און קיין זאך האט ער ניט געענדיגט. אלץ איז ביי אים נאך שפיל, פארגעניגען.

„ער האט ניט קיין פעסטען כאראקטער, סאני, קיין „בעקבאון"", — האט עלינאר איבערגעטראכט. — „פון א מאן פארדערט זיך, אז ער זאל צו עפעס שטרעבען, ער זאל עפעס וויכטיגעס אויפטאן." — זי האט געפיהלט, אז נאר אזעלכען וואלט זי געקענט מיט אן אמת ליב האבען.

עלינאר'ן האט אליין וועה געטאן פון דעם וואס סאני איז מיטאמאל אזוי אראפגעפאלען ביי איר אין די אויגען. זי האט אליין אין זיך דערפיהלט אוצט א פוסטקייט, אויסגעלויידיגט. פאר דער צייט האט סאני א סך מאל איר שוין אפגערופען אין טעלעפאן און זי האט געבעטען איר מאמען, זי זאל אים זאגען, אז זי איז ניטא אין דערהיים. עלינאר איז איצט גע־ווען באלוידיגט און אנטוישט — באלוידיגט, וואס סאני האט געקענט כאטש אויף איין אווענט פארבייטען איר אויף שארלאט'ן, און אנטוישט אין סאני'ן אליין, אין זיין פערזאן. זי האט זיך געפיהלט צעבראכען, צעוועהר־טאגט. פארוואס האט דאס פונקט מיט איר געדארפט אזוינס טרעפען?

### קאפיטעל זיבען־און־פערציג

סאני האט אפגערופען אים'ן טעלע־פאן. דאס איז געווען אין א סך טעג ארום נאך יענעם זונטאג־אווענט, ווען זי האט אים ניט געטראפען אין דער סטודיא. עלינאר האט אין דער ערש־טער מינוט געוואלט, ניט געוואלט ענט־פערען דעם טעלעפאן, ווי זי האט עס א פאר מאל פריהער געטאן, און זאגען דורך איר מאמען, אז זי איז ניטא אין דערהיים, נאר עפעס האט איר א ציה־געטאן צו ענטפערען. זיין שטימע האט געקלונגען איילענדיג און ווי אהן אטעם, אזש זי האט קוים פארשטאנען וואס ער זאגט. ער איז געווען דא, לע־בען איר הויז, און געווארט אויף איר אין זיין קאר.

עלינאר האט אויף גיך געגעבען א טו אן איר מאנטעל און ארומגעבונדען אירע האר מיט א געבלומטען טיכעל. זי האט אפילו ניט געזעהן צו די מא־מע אירע איז דא אין שטוב אדער ניט, און זי איז ארויס פון שטוב. זיין קאר האט זיך געפונען אויף דער אנדערער זייט גאס. ער האט צו איר א פאכע געטאן מיט דער האנט און זי איז צוגע־גאנגען.

— העלאו, סאני. וואס האט פא־סירט? — האט זי געפרואווט רוידען רוהיג. זי האט אויסגעמידען אים צו קוקען גלייך אין די אויגען. נאר סאני איז געווען דער זעלבער וואס אלע מאל. א לוסטיגער, א זארגלאזער, מיט היימישקייט אין זיין טאן האט ער זיך אפגערופען:

— ס'האט גארניט פאסירט. קום, זעץ זיך אריין אין קאר. ווילסט זיך אביסעל דורכפארען?

עלינאר איז שוין געווען גרייט זיך אפצוזאגען פון דעם. דערנאך האט זי א טראכט געטאן, אז איצט איז די צייט זי זאל מיט אים רוידען, און זי האט איינגעשטימט צו פאהרען מיט אים. זי וועט אים געבען צו פאר־שטעהן ווי זי פיהלט געגען אים און אז זיי זיינען ניט קיין פאר איינע פאר די אנדערע.

— וואו ווילסטו זאלען מיר פאה־רען? — האט סאני איר געפרעגט ווען זי איז שוין געזעסען אין קאר.

— אַ, ס'איז אלץ איינס. וואו דו ווילסט, נאר אין א פלאץ וואו עס איז שטיל.

— מיר וועלען זיך דורכפאהרען אין סענטראל פארק.

— זאל זיין אין סענטראל פארק, — האט זי א גלייכגילטיגע א זאג געטאן.

איידער ער האט געלאזען לויפען די קאר, האט סאני זיך א נעם געטאן צו דער קעשענע.

— איך האב א סורפרייז פאר דיר, — האט ער געזאגט און ארויסגענומען צוויי בילעטען צו א טעאטער פאר־שטעלונג. דאס איז געווען א פיעסע, וואס עלינאר האט עס שוין לאנג גע־וואלט זעהן.

— דו זעהסט, איך האב דיך געהאט אין זינען. עס איז פאר קומענדיגער וואך.

— איך ווייס ניט אויב איך וועל האבען צייט אין יענעם טאג, — האט עלינאר גערעדט מיט א טאן אביסעל טרוקען און קאלט. גארניט ווי אלע מאל.

סאני איז ניט געווען איבערראשט פון איר טאן. אזוי דארף דאס זיין. עס פארדריסט איר נאך דער זונטאג־דיגער אווענט. ער איז געווען זיכער, אז איר כעס וועט אינגיכען איבער־געהן. מיט א זיכערער באוועגונג פון זיינע הענט האט ער זיך א נעם גע־טאן צו דעם אויטאמאביל־רעדל און געלאזען לויפען די קאר אויפ'ן וועג צו סענטראל פארק. ער האט געשיקט אויסגעמידען דעם „טרעפיק", ווי א געניטער פאהרער.

עלינאר האט געשוויגען שטיל. זי האט ניט דערמאנט דעם זונטאגדיגען אווענט, נאר סאני האט אליין גענומען ריידען פון דעם. ער האט איר דער־צעהלט פארוואס ער האט ניט געקענט זיין אין סטודיא. א נאהענטער חבר זיינער האט פלוצלינג אפגערופען. ער פאהרט אוועק קיין איירָאפע. ער האט געמאכט א פארטי צו געזעגענען זיך מיט אלעמען. און ער, סאני, האט דארט געמוזט זיין, ער האט ווירקלעך ניט דערמאנט שארלאט'ן, כאטש עלי־נאר איז געווען זיכער, אז ער איז אוועק מיט איר. זי האט סאני'ס פאר־ענטפערען זיך יא געהערט און ניט געהערט. ס'איז איר איצט אלץ איינס געווען. איר אנטוישונג אין אים איז שוין דערגאנגען אזוי ווייט, אז זי וואלט אים ניט געקענט גלויבען וואס ער זאל איר ניט זאגען.

זיי זיינען אריינגעפאהרען אין פארק. עס איז געווען א ווארימער, הארבסטיגער פארנאכט. סאני האט אפגעשטעלט די קאר אין א זייט, אין א טונקעלער אלייע.

— נו, עלינאר? — האט ער פאר־גניגענדיג אפגעאטעמט. — עס איז דא גוט, ניט אזוי?

ער האט צו איר געקוקט מיט זיינע האלב־צוגעמאכטע אויגען, וואס האבען אויף איר אלעמאל כישוף'דיג גע־ווירקט. זי האט איר בליק אפגעקערט אין א זייט.

— סאני, איך האב שוין אליין גע־וואלט דיך זעהן, — האט זי אנגע־הויבען.

— יע? — האט ער זיך דערפרעהט. און מיט איין האנט ארומגענומען אירע אקסלען.

— איך דארף וועגען עפעס מיט דיר רוידען, — האט זי ווידער אנגעהויבען.

מען האט געקענט זעהן ווי איר איז שווער ארויסצוזאגען וואס זי וויל. סאני'ן איז דאס אלץ געווען זעהר טשיקאווע. זי האט אויסגעזעהן איצט בלייכער, שענער.

(ווייטערס מארגען)

# מאַקס גאַבּיל דערצעהלט

(שלום פון פעירוש 2)

א פרימאדאנא ווי זי איז געווען אין יענע צייטען. שילדקרויט האט קודם כל געשפילט זיינע אלטע פיעסען. דערנאך האט ער אויפגעפירט א נייע פיעסע פון מאיר שווארץ מיט'ן מאדנעם נאמען „לאקשען". שילדקרויט איז אלץ געבליבען דער גרויסער שילד־קרויט אויך אין דער נייער פיעסע, אבער דער עולם האט די פיעסע עפעס קאלט אויפגענומען. דער נאמען „לאק־שען" האט געשטאמט דערפון, וואס שילדקרויט האט געשפילט אן אמערי־קאנער איד, וועלכער קומט קיין איי־ראפע און ער שטיצט דארט אונטער די אידען און גיט זיי דאלארען, וואס זיי פלעגען רופען (צוליב וואליוטע־טעמים) מיט'ן פארשטעלטען נאמען „לאקשען". צוליב דער לענג פון די אמאליגע דאלארען (איר האט זיי נאך, אדער איר האט זיי איבערגעלאזט אין דער „יו. עס. באנק", ליבער לעזער). עס קאן אויך זיין, אז דער אינהאלט פון דער פיעסע איז געווען מער נישט אקטועל. סאי ווי סאי, כאטש קינסט־לעריש האט מען נישט געקאנט האבען קיין טענות צום מחבר פון דער פיעסע אדער צו שילדקרויט'ן, וואס האט זי געשפילט, אבער דער עולם איז נישט געקומען.

בערטא קאליש האט אויך גאסטרא־לירט ביי אונז אין די זאבען־טעג אין איר אלטען רעפערטואר, און פון יענער צייט שטאמט עס דער וויץ, וואס געהט ארום איבער'ן אידישען טעא־טער, און וואס א טייל מיינען, אז דאס איז אן אויסגעטראכטער וויץ, אבער די אקטיארען, וועלכע האבען יענעם סעזאן געשפילט ביי מיר אין טעאטער, קאנען עדות זאגען, אז דאס איז נישט קיין אויסגעטראכטער וויץ, נאר א פאקט, וואס האט ביי אונז פאסירט. מאדאם קאליש האט געהאט אן אויס־ערגעוויינליכע שוואכקייט צו וועלען שפילען אירע רעפערטואר־פיעסען מיט די ע ר ש ט ע אנסאמבלען, מיט די ע ר ש ט ע אקטיארען, מיט וועלכע זי האט אנגעהויבען שפילען די פיע־סען. איינמאל ווען זי האט געמאכט פראבע אויף אזא רעפערטואר־פיעסע, אין וועלכער עס איז אויך געווען א קינדער־ראלע, האט זי פלוצלינג אפגע־שטעלט די פראבע און מיט תחנונים אין איר שטימע געגומען בעטען:

— ברענגט מיר דאס א ר י ג י־נ ע ל ע קינד, וואס האט געשפילט מיט מיר די ראלע ווען מיר האבען אויפגעפירט די פיעסע! איך קען מיט ד ע ם קינד נישט שפילען!

עס האט גענומען אביסעל צייט ביז מען האט דער עקזאלטירטער קינסט־לערין אנגעוויזען, אז דאס ק י נ ד, וואס האט דאמאלסט ביי דער פרעמיע־רע מיט איר געשפילט די קינדער־ראל, איז שוין היינט אליין א מאמע פון עטליכע קינדער.

איך דערצייל דעם עפיזאד נישט חלילה אפצולאכען פון דער באמת גרויסער קינסטלערין בערטא קאליש, נאר, פארקערט, כדי אונטערצושטריי־כען, אז אפילו ווען זי האט געשפילט אדער בלויז געמאכט פראבע אויף צו שפילען טעאטער, איז זי געווארען אויסגעטאן פון אלע וועלטען. און איז אין מער נישט געשטאנען אויף דער ערד, נאר געשוועבט אין די הימלען.

יא, מיר האבען אמאל געהאט נישט נאר א פובליקום ביי וועמען טעאטער איז געווען עפעס יום טוב'דיגעס, הוי־כעס, הימלישעס, נאר אויך שוישפי־לער, און גרויסע שוישפילער, וואס האבען פארהייליגט די קונסט און זיך אוועקגעלאזט אויפ'ן וועג פון חלומות און טרוימען.

אין דעם ראזינגען טעאטער האב איך אויך „איינגעבראכען" מיין עלטסטע זוהן הערי אלס טעאטער־מענעדזשער, און ער האט די תורה גוט איבערגענו־מען. אלס מאטא ווי אזוי ער זאל זיך אייפפירען אלס טעאטער־מענעדזשער האב איך אים פארגעשריבען צוויי דינים, וועלכע ער זאל שטענדיג שטרענג אפהיטען. איינס, אז עס איז נישט אמת, אז דער עולם איז א גולם. דער עולם איז, פארקערט, זעהר קלוג, און ווייס וואס ער וויל.

צווייטענס, און דאס דערגענצט דאס ערשטע, „קול המון כקול שדי" (די שטימע פון פאלק איז אזוי ווי די שטימע פון גאט). דאס פאלק איז שטענדיג גערעכט, און אויב עס גע־פעלט אים עפעס נישט, איז מסתמא דא א געזונטע אורזאך. מען דארף זעהן צו געפעלען דעם פאלק, דעם פובליקום.

מיר האבען אין דעם טעאטער נאך געשפילט „לעדיס גארמענט" און „שפרינגצע פון ריווערסאיד דרייוו", צו וועלכע לואיס פרידזעל האט געשריבען גאנץ פיינע מוזיק, אבער דאס אלץ האט נישט געהאלפען. מיר האבען טאקע אריינגענומען גענוג געלט, אבער די הוצאות זיינען אלץ געווען גרעסער, אזוי אז איך האב פארלארען בערך 3 טויזענט דאלאר א וואך.

מען האט געמוזט נעמען טראכטען וועגען עפעס א גרויסער פיעסע, וואס זאל ברענגען צום טעאטער באזו־כער פון גאנץ ניו יארק. און אזא פיעסע איז ווירקליך אונטערגעקומען. דאס איז געווען „דער גולם". אבער וועגען דעם אין קומענדיגען ארטיקעל.

# א פרייטאג־צו־נאכט צווישען די נארט־אפריקאנישע אידען אין מאראקא

(שלום פון פעירוש 2)

זי שיקען קיין ישראל. פארוואס איי־גענטליך שיקט מען איהר נישט? עס איז דאך שווער און ביטער צוצוקוקען איהר צער.

מיט א צווייטער פרוי פון א יאר 45, איז ווידער אזא טראגעדיע. מיט 7 חדשים צוריק איז זי געקומען אהערצו. ווי עס האט זיך ארויסגעווי־זען, האט זי געהאט א קענסער אויף א ברוסט. ווען מען האט איר געוואלט אפערירען, האט זי זיך נישט געלאזט, און די קראנקהייט האט זיך כסדר אזוי אנטוויקעלט. איצט אפער וועט שוין אויך קיין אפעראציע נישט העלפען, ווייל אירע טעג זיינען געצעהלטע. זי אבער רעדט זיך איין, אז זי איז פול־שטענדיג געזונט און זי וויל פארען קיין ישראל, ווייל זי האט דארט קינ־דער, הוכט זיך איר. כדי צו באווייזען אז איר געזונט איז א גוטער, האט זי גלייך פאר מיר אין די אויגען אויפגע־הויבען מיט דער לינקער האנט א גרויסען, שווערען טיש...

ווען די נאכט איז צוגעפאלען, און מיר האבען זיך געגרייט אפצופארען פון דעם פלאץ, האב איך באמערקט ביי אונזער קאר דעם 14־יעריגען בלינ־דען אינגעל פון עגיפטען. ער איז גע־גאנגען ארום אין אלע זייטען און מיט די הענט אנגעטאפט די שויבען, די פארזשעקטארען, ווי אויך אלע איבע־ריגע טיילען פון קאר, כאטש ער האט נאך קיינמאל אין לעבען אזעלכעס נישט געזעהן. ער האט גענוי גע־וואוסט וואו יעדע זאך געפינט זיך. ער האט זיך דאס אויסגעלערנט פון די קארס, וועלכע קומען פון צייט צו צייט אויפ'ן דאזיגען פלאץ מיט געסט, אדער זשורנאליסטען.

און ווען מיר זיינען פאמעלעך ארויסגעפארען אין שמאלען וועג פון אלטען שלאס, האב איך זיך אומגע־קוקט אויף דער טרויעריגער, אומע־טיגער געביידע. פון דערווייטענס האב איך דאן דערזעהן דעם 14־יעריגען בלינדען אינגעל. ער איז גע־גאנגען צווישען די אלטע ביימער אין דער שמאלער אלייע. געגאנגען איז ער מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך נאך אונזער קאר, ווי ער וואלט זיך וועלען מיט אונז מיטרייסען צום לע־בען. עס איז געווען א וואונדערבא־רער אווענט און א האלבע לבנה האט געוואלפען א בלאסען שיין אויף דער גיפסענער פיגור פון בייזען, ווילדען טיגער. עס האט זיך אויסגערוכט, ווי אט־אט לאזט זיך דער טיגער אראפ פון זיין הונדערט־יעריגען צוגעשמיד־טען פלאץ, און פארצוקט דעם אומ־גליקליכען, געשטראפטען אידישע אינ־געל פון עגיפטען.















# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— מיין מיידעל איז היינט שוין צו־פיל ערנסט — האט ער א לאך געטאן. ער האט האסטיג איר א ציה־געטאן צו זיך. אין א ווײלע ארום איז זי שוין געווען אין זיינע ארעמס. איר דינער קערפער האט זיך געבויגען אונטער זיינע הענט, ווי זי וואלט מיט זיך אליין געקעמפט. מיט גרויס אנשטרענגונג האט זי זיך ביסלעכווייז באפרייט פון זיינע ארעמס.

— עס איז ניט קיין דזשאוק, סאני. דאס וואס איך וויל דיר זאגען — האט זי שוין גערעדט מיט מער זיכערקייט. — דאס, וואס איז צווישען אונז געווען, דארף מער ניט זיין. אונזער ליבע, ס'איז א טעות. עס איז מיין אייגענע שולד — האט זי גערעדט מיט הארץ, ווי זי וואלט זיך וועלען פארענטפערען אנטקעגען אים. — עס איז געווען א מיסטעיק, א טעות.

—וואס פאר א מיסטעיק? איך ווייס ניט וואס דו רעדסט, עלינאר — האט ער פארוואונדערט איר אנגעקוקט מיט פאנאנדערגעעפענטע אויגען.

— איך וויל, דו זאלסט פארשטעהן, סאני—האט זי ווידער געפרואווט אנ־הויבען רעדען.

—איך וויל גארניט פארשטעהן.— ער האט נאך אלץ ניט געקענט ווערען ערנסט. און ער האט געוואלט מאכען אז עלינאר זאל אויך אויפהערען צו זיין אזוי ערנסט און פארגעסען איר איצ־טיגע שלעכטע שטימונג. ניט צוליב דעם זיינען זיי היינט אהער געקומען.

— דו האסט דאך מיך ליב, עלינאר. ניט אזוי? — האט ער איר ארייננגע־קוקט אין די אויגן. זיין שטימע איז געווען ווייך, צערטלענדיג.

— איך ווייס ניט. זאלען מיר ניט רעדען פון ליבע — האט זי אים געבע־טען.

ער האט פארשטאנען. ער איז גע־ווען גענוג סענסיטיוו. עלינאר'ן קען מען ניט איבערבעטען מיט רייד. זיי זיינען ביידע אנטשוויגען געווארען, און אזוי זיינען זיי געזעסען א לאנגע ווייל־לע. סאני האט פאררויכערט א פאפי־ראס. איר שווייגען האט אים באאומ־רוהיגט. זי טראכט מסתמא שלעכטס פון אים. וואס איז מיט איר היינט גע־ווארען?

— דו האסט ליב געקראגען אימי־צען אנדערש? פארוואס זאגסטו מיר דאס ניט?

עלינאר האט א לאך געטאן. דאס האט איר אויסגעזעהן א ביסעל קאמיש זיין רעדען, זיין האלטען זיך. זי זיי־נען ביידע געווען איצט ווי די העלדען אין א מואווי.

— זאג מיר, מיט וועמען טרעפסטו זיך אין די אווענטען? —איז ער צוגע־שטאנען צו איר. — איך האב עטליכע מאל אפגערופען דיר אין דער היים און דו ביזט ניט געווען.

און אז עלינאר האט אלץ געשוויגען, האט ער ווידער איר אנגעהויבען פרע־גען:

— האסטו ליב געקראגען אן אנדער באי? איך קען אים אפשר?

— יע. אייבי'ן האב איך ליב געקרא־גען — האט זי א לאך געטאן סאר־קאסטיש.

— דאס קען קיינמאל ניט זיין — האט ער שוין אויך געלאכט.

— זיי ניט אזוי זיכער, סאני. יע, אייב גארדאנ'ען האב איך ליב געקרא־גען. ער איז א פיינער באי — האט זי אלץ גערעדט, און אים איז שווער געווען צו פארשטעהן אויב זי מיינט דאס מיט אן אמת אדער ניט. ער האט זיך דערפיהלט מאדנע פארלוי־רען אנטקעגען איר.

אויף סאני'ן האט מען געקענט זא־גען, אז ער איז געווען שטארק דארט, וואו ער האט ניט באגעגענט קיין ווי־דערשטאנד. ער האט שוין א סך מייד־לעך ליב געהאט, נאר דאס זיינען געווען אזעלכע ליבעס וואס געהען גיך פארביי. ווי נאר א מיידעל האט זיך אים אונטערגעגעבען, האט ער שוין פארלוירען צו איר דעם אינטערעס. אבער עלינאר'ן האט ער ליב געקרא־גען מיט אן אמת. און גראד זי האט זיך אים ניט אונטערגעגעבען, און דערפאר איז זיין ליבע צו איר גע־ווען נאך שטארקער, רייצענדיגער. ער האט ניט געקענט דא זיצען אזוי מיט איר און פירען ערנסטע געשפרע־כען. ער האט איר ווידער א ציה־געטאן צו זיך און איר געקושט. עלינאר איז געבליבען ווי פארשטאפט אין זיינע ארעמס און ניט געקושט אים צוריק.

— ניין, מען דארף ניט, סאני — האט זי ארויסגערעדט שטיל. — לאמיר פארבלייבען נאר גוטע פריינט.

— מיר קענען ניט זיין נאר גוטע פריינט, עלינאר. איך האב דיך צופיל ליב — האט ער היציג גערעדט. נאר אויף עלינאר'ן האט שוין, ווייזט אויס, קיין זאך ניט געקענט האבען קיין ווירקונג. זי האט פארהארטעוועט איר הארץ. זי האט אים אנגעקוקט מיט אירע טיפע, טונקעלע אויגען און נאר געשאקעלט מיט'ן קאפ אויף „ניין". אויף איר פנים איז אזוי ווי אנגע־שריבען געווען וואס זי לעבט־דורך. זי איז געווען אנטוישט אין אים און אלץ, וואס ער האט נאר געהאט צו זאגען, האט שוין פאר איר קיין ווערט ניט געהאט. סאני האט זיך שטארק פאר־לארען. ער האט איצט געפיהלט איין זאך, אז עלינאר דערווייטערט זיך פון אים מיט יעדער מינוט אלץ מער, און אז עס קען שוין ניט זיין צווישען זיי דאס וואס עס איז געווען ביז איצט.

ווי זוכענדיג מיט וואס ער זאל נאך קענען אויף איר ווירקען, האט ער איר מיט אמאל אנגעהויבען דערצעהלען פון די טראבעלס זיינע, וואס ער האט איצט ביי זיך אין דער היים.

— דיין „אלד מען" — זיין טאטע האט זיך גענומען צו אים. ער וויל אים ארייננציהען אין עפעס אן ארבייט אין זיינע ביזנעס. ווי קומט ער, סאני, צו דעם? ער האט זיך געפיהלט באַ־עוולה'ט. זיין אייגענער טאטע פאר־שטעהט אים ניט.

עלינאר האט געהערט סאני'ן רייד־דען. זי האט א טראכט געטאן: וואס פאר א סארט מענשען זיינען דאס די טאטע־מאמע זיינע? קיינמאל האט איר סאני פון דעם ניט דערצעהלט, און איצט האט זי ניט געוואלט ביי אים פרעגען וועגען דעם. וואס געהט דאס איר אן? סאני האט מיט זיין איצטיגען ריידען נאך מער פארלוי־רען ביי איר אין די אויגען. ביז איצט איז זיין טאן פון ריידען געווען א האפערדיגער און אלעמאל איז עס גע־ווען דורכגעזאפט מיט איראניע, מיט סארקאזם. דאס איז געווען איינע פון זיינע אייגענשאפטען מיט וואס ער האט צוגעצויגען. נאר איצט איז זיין טאן געווען א נעבעכדיגער, ווי איינער וואס איז שוין ניט אזוי זיכער מיט זיך. און עלינאר האט געזעהן פאר זיך א באי א שוואכלינג, וואס קען ניט פארטראגען קיין דורכפאל. ער האט אויסגעזעהן ווי א באלון, וואס מען האט פון אים ארויסגעלאזט די לופט. איז דאס דער זעלביגער סאני, וואס זי האט ערשט דא ניט לאנג צוריק ליב געהאט?

— דו ביסט אזא מאדנער, סאני. מיר איז זעהר שווער דיך צו פאר־שטעהן — האט זי אים געזאגט.

סאני האט זיך אן דעם אנגעכאפט. ווי דערמוטיגט פון איר באמערקונג האט ער אנגעהויבען ריידען פון דעם, וואס ער קלייבט זיך איצט צו טאן. ער וועט זיך נעמען צוריק צום לערנען, ער ווייסט צו וואס ער איז פעהיג, די ענגלישע ליטעראטור. אין דעם האט ער זיך אלעמאל אויסגעצייכענט. ער וועט ענדיגען קאלעדזש און ווערען א לערער פון ענגליש.

— א. דאס וואלט געווען זעהר גוט — האט עלינאר זיך אפגערו־פען — אבי נאר עפעס צו זאגען, און סאני האט זיך אלץ מער צואווארעמט און ער האט איר געזאגט, אז די אר־בייט פון שרייבען א בוך האט ער נאך אויך ניט אויפגעגעבען. ער וועט פון איצט־אן זיך נעמען פעסט אין די הענט. ער פיהלט, אז ער וועט דאס קענען טאן.

— דו וועסט מיר העלפען, עלינאר, איך מוז דיך האבען, — האט ער זיך אנגעבויגען צו איר און צוגעטוליעט זיין פנים צו איר'ן.

עלינאר האט צוגעשוויגען, נאר אין זיך האט זי ביטער א לאך־געטאן: „יע זי איז דאך גרייט געווען אים צו העלפען, אז ער זאל דאס נאר פון איר פאדערען". זי האט דאך אליין גע־וואלט, אז ער זאל זיך מיט עפעס אויס־צייכענען, ער זאל אויפטאן גרויסע זאכען. זי האט געגלויבט, אז ער האט עס אין זיך און מען דארף אים נאר העלפען דאס ארויסברענגען. אבער איצט איז זי געווען אנטוישט און זי האט אים מער ניט געקענט ליב האבען.

— נו, געננג, סאני, מיר וועלען איצט פארען אהיים — האט זי ארויס־גערעדט אזוי מילד ווי זי האט גע־קענט, אז ער זאל אויף איר זיך ניט באליידיגען.

סאני האט איצט קיין אנדער זאך ניט געקענט טאן ווי נאר פאלגען איר. און ער האט זיך גענומען צום אויטא־מאביל־רעדעל און אוועקגעלאזען געהן די קאר. אויפ'ן וועג צוריק אהיים זיי־נען זיי די גאנצע צייט ביידע געזעסען שווייגענדיגע. ערשט אז ער האט איר צוגעפיר'ט צו איר שטוב און עלינאר האט געוואלט שוין איבּ זאגען „גוד־באי", האט נאך סאני איר א ווײלע געוואלט פארהאלטען.

— עלינאר, בלייב נאך דא א ווײ־לע — האט ער איר געבעטען. — איך קען דיך ניט אוועקלאזען אזוי, ניט וויסענדיג וואס מיט דיר איז.

— א, מיר וועלען זיך נאך זעהן — האט עלינאר א זאג־געטאן, כדי צו מאכען גרינגער זייער צושיידונג. זי איז ארויסגעשטיגען פון זיין קאר, אויף גיך א זאג־געטאן אים „גוד־באי" און מיט גיכע טריט האט זי זיך געלאזען געהן צום אריינגאנג פון דעם הויז, וואו זי האט געוואוינט.

(ווייטערעס מארגען)














# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ●●● פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

די טעג האָבען זיך געצויגען פול מיט אומעט, מיט בענקשאַפט און מעלאַנכאָליע. זי האָט געבענקט נאָך סאַני'ס רייצענדיגער געשטאַלט, דעם בליק פון זיינע צוגעזשמורעטע אויגען, ווען ער'פלעגט אויף איר קוקען מיט ליבע און לוסט, און ביי איר איז דעמאָלט געווען אַ פאַרלאַנג צו פאַרלירען זיך אין זיין בליק, צו ווערען אויס.

זי האָט געבענקט נאָך דער פריהעליבער אַטמאָספערע אין דער סטודיאָ. די זאָרגלאָזיגקייט און דעם הפקר פון די מענשען דאָרט, וואָס עס האָט אויסגעזעהן, אַז זייער ציל איז נאָר צו האָבען פאַרגעניגען, „טו בי העפּי", און ניט טראַכטען פון דעם וואָס ווייטער וועט זיין. אויף איר אַליין, אויף עלינאָר'ן, האָבען אַט־די שטימונגען זייערע שוין ניט איינמאָל אָנגעוואָרפען אַ מורא: צו וואָס קען דאָס פירען? דאָך האָט זי עס ליב געהאַט.

אינאיינעם מיט איר בענקשאַפט איז געקומען דער ביטערער געפיהל פון אנטוישונג אין סאַני'ן. פריהער די אייפערזוכט צו שאַרלאָט'ן, נאָך יענעם אָווענט ווען סאַני איז מיט איר אַוועק ערגעץ פאַרברענגען. נאָכדעם איז געקומען די אַנטוישונג אין סאַני'ן אַליין, ווי זי וואָלט דורך דער לעצטער טאָט זיינער דערזעהן אים אין גאַנצען, אַזוי ווי ער איז. ער איז מיט אַמאָל אַראָפּגעפאַלען ביי איר אין די אויגען. ער איז געוואָרען קליין.

זי האָט די גאַנצע צייט דערוואַרט פון אים גרויסע זאַכען. זיין אויסערגעוועהנליך־אינטערעסאַנט ריידען האָט איר געכישוף'ט. אַ פּערזענליכקייט וואָס קען זיך ניט אונטערוואַרפען די איינגעשטעלטע כללים פון אונזער לעבען, און ער לייקענט־אָפּ אַלץ וואָס איז אָנגענומען. און אַז ער האָט איר דערציילט ווי ער קלייבט זיך אָנהויבען שרייבען אַ בוך איז זי געווען אַנטציקט. זי וועט אים צו דעם דערמוטיגען, העלפען אים אין זיין גרויסער אַרבייט, אויב ער וועט דאָס פון איר פאָדערען.

איצט זעהט זי סאַני'ן אינגאַנצען אַנדערש. עס איז ריכטיג דאָס וואָס אייב האָט איר שוין לאַנג געזאָגט, אַז סאַני איז נאָר שטאַרק אין שעהן ריידען. ער איז באַרימעריש, און אַז קיינמאָל וועט ער קיין שום וויכטיגע אַרבייט ניט דורכפירען. ער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ שוואַכלינג. סאַני, און זיין נאַטור איז נאָר זיך אַרויסצודרעהען פון אַ שווערער און ערנסטער אַרבייט. אַלס אַזאַ סאָרט מענשען האָט זי אים איצט געזעהן.

דורך דער צייט האָט סאַני שוין עטליכע מאָל זי אָפּגערופען דורכ'ן טעלעפאָן. ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז זי זעהן. זאָל זי אים דערלויבען צו קומען אין איר היים, אָדער זי אַליין זאָל קומען אים זעהן אין דער סטודיאָ. אָבער עלינאָר האָט אויף זיין רוף ניט געענטפערט. איינמאָל איבערגעריסען מיט אים, האָט זי שוין ניט געקענט צוריק גוטמאַכען. אַלץ איז איצט געווען אויס צווישען זיי. זי איז נאָר פאַרבליבען מיט אַ פוסטקייט אין הארצען. אויסגעליידיגט, הויל און אַ שווערקייט האָט כסדר איצט געדריקט אויף איר געמיט.

עס זיינען געווען, ביי איר דעמאָלט מינוטען פון פאַרצווייפלונג. צוליב וואָס דאַרף זי לעבען, זיך מאַטערען? אַז יעדער זאַך צו וואָס זי האָט געגלוסט האָט זי ניט געקענט דערגרייכען. אַלץ הויבט זיך אָן אַזוי שעהן און עס ענדיגט זיך מיט גאָרניט. צי דאַרף זי דורכלעבען אַזוי פיל טעג פון אומעט און טרויער צוליב איין מינוט פון פרייד, און צי דאַרף זי איצט אָנהויבען אַלץ אויף־דאָס־ניי צו זוכען עפּעס פאַר זיך, צו שטרעבען צו עפּעס? זי האָט איצט געהאַט נאָר איין פאַרלאַנג — צו ליגען און רוהען. ווי נאָר זי איז פריי געוואָרען פון איר אַרבייט אין סקול האָט זי ליב געהאַט צו לייגען זיך אין איר צימער אויף דער קושעטקע, איינגענורעט אין די קישעלעך, רוהען און ניט טראַכטען פון קיין זאַך. נאָך די שפּעטע נעכט וואָס זי האָט פאַרבראַכט אין סטודיאָ מיט סאַני'ן איז איצט געווען פאַר איר נויטיג צו שלאָפען, אַ סך שלאָפען.

בעלאַ, די מאַמע עלינאָר'ס, האָט ווי אַלעמאָל ווייניג געקענט וויסען וואָס עס טוט זיך אָפּ מיט איר טאָכטער און, ווי אַלעמאָל, איז זי געווען באַאומרוהיגט צי עס גרייט זיך ניט, חלילה, עפּעס אַ נייע צרה פאַר זיי. נאָר אַז זי האָט געזעהן איצט ווי עלינאָר פאַרבלייבט יעדען אָווענט אין דער היים און ווי זי שלאָפט אַזוי פיל, האָט זי נאָר אַ טראַכט־געטאָן: „אפשר איז דאָס צום גוטען", פון לאַנגע דערפאַרונג האָט זי געוואוסט, אַז פרעגען עפּעס ביי איר טאָכטער וועט דאָ ניט העלפען, ביז עלינאָר'ן וועט אַליין זיך פאַרגלוסטען צו פאַרטרויען זיך מיט עפּעס פאַר איר מאַמען.

טעג און וואָכען זיינען אַוועק, און אין עלינאָר'ן האָבען פון זיך אַליין גענומען אויפוועקען אירע יונגע כוחות. דער פאַרלאַנג צו שטעלען זיך אַנטקעגען יעדער שלעכטס, וואָס דאָס האָט זי שוין געהאַט געלערענט פון איר פריהער יוגענט אָן. „נאָר ניט אַפּלאָזען זיך. עס טויג ניט" — האָט זי גענומען זיך אַליין צוגעבען מוט. זי האָט גענומען זוכען מיט וואָס זי זאָל זיך אַליין אויפמונטערען. זי האָט פאַרלוירען סאַני'ן און זי האָט פאַרלוירען איר גוטען פריינט אייבי'ן. נאָר זי איז נאָר ניט אינגאַנצען פאַרבליבען אַליין. פאַרבליבען איז נאָך מאַרטהאַ, די נאָהענטסטע חבר'טע אירע, און צו איר האָט זי איצט געקליבען זיך געהן. זי האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען שפּיגעל זיך אָנצוקוקען גוט. די דורכגעלעבטע ליידען האָבען אַזוי ווי פאַרטיפט דעם בליק פון אירע אויגען. דאָס פּנים דורכזיכטיג בלייך און דער שמייכעל אַן אומבאַשטימטער, אַן איינגעהאַלטענער, אַזאַ איז זי זיך געפעלען.

און אַז זי איז געקומען צו איר באַליבטסטער פריינדין מאַרטהאַ, האָט זי דאָרט באַגעגענט די זעלבע וואַרעמקייט און היימליכקייט ווי אַלעמאָל.

— „העלאָ, סטרענדזשער"! — האָט איר מאַרטהאַ געזאָגט מיט אַ פאַרוואָרף פאַרוואָס זי האָט זיך דאָ לאַנג ניט געוויזען. זייער פריינטשאַפט, וואָס איז איבערגעריסען געוואָרען צוליב סאַני'ן, האָט איצט ווידער זיך פאַרבונדען, און אין אַ ווייל אַרום זיינען זיי שוין געווען נאָהענט ווי אין די פריהערדיגע צייטען. אין די שמועסען מיט איר חבר'טע האָט עלינאָר איצט פאַר איר זיך ניט באַקלאָגט, ווי זי פלעגט עס טאָן אַמאָל, ווען איר איז געווען שלעכט. זי האָט געלערענט, אַז עס איז בעסער צו קומען צו מענשען מיט אַ פרעהליכען פּנים. ניט מאַרטהאַ און ניט עלינאָר האָבען עס געוואָלט דערמאָנען סאַני'ן, כאָטש מאַרטהאַ האָט געהאַט אַן אָנונג, אַז צווישען עלינאָר'ן און אים איז שוין אַלץ אויס.

מאַרטהאַ האָט שוין געהאַט אַ קינד, איין יאָהר אַלט, און אַז עלינאָר איז אהינגעקומען האָט זי געקענט הערען די אומענדליכע געשפּרעכען וועגען קאָרמענען דאָס קינד און וועגען „פאָרמולעס". מאַרטהאַ איז געווען אַן אידעאַלע מאַמע, אַ גוטע באַלעבאָסטע און אַ געטרייע ווייב צו איר מאַן. אין די אָווענטען, אַז עלינאָר איז אהינגעקומען, האָט זי געקענט זעהן דאָס גוטע לעבען וואָס מאַן און ווייב האָבען צווישען זיך. דאָס קינד איז שוין געשלאָפען אין זיין צימער, אין בעטעלע, און דאָס פּאָרפאָלק איז געזעסען און צווישען זיך פאַרבראַכט. זיי האָבען אָנגעשטעלט די ראַדיאָ, און זיי האָבען ליב געהאַט אַ געוויסע מעלאָדיע, וואָס האָט זיי דערמאָנט דעם טאָג ווען זיי האָבען זיך צום ערשטען באַקענט, און מיט פאַרגעניגען האָבען זיי פון דעם גערעדט:

— דו געדענקסט, מאַרטהאַ, ווי שעהן דו האָסט דעמאָלט אויסגעקוקט?

— און דו געדענקסט, הערי, די ערשטע ווערטער וואָס דו האָסט מיר געזאָגט?

און עלינאָר איז געזעסען דערביי און זי האָט אויך געהאַט פאַרגעניגען צו הערען זיי ריידען. עס איז געווען ווי וואַרעמען זיך ביי אַ פרעמדען פייער. נאָר זי איז געווען צופרידען.

אַ גרויסען אינטערעס האָט עלינאָר באַקומען צו דעם קינד, מאַרטהאַ'ס, און קיינמאָל האָט זי ניט פאַרגעסען צו ברענגען עס אַ שפּילצייג יעדער מאָל ווען זי פלעגט אהין קומען, און אַז מאַרטהאַ האָט געדאַרפט ערגעץ געהן אינאיינעם מיט איר מאַן, האָט עלינאָר אַליין זיך פאָרגעשלאָגען צו פאַרבלייבען דעם אָווענט מיט'ן קינד.

נאָר איינמאָל אין אַן אָווענט, ווען געסט זיינען געקומען צו מאַרטהאַ'ן, איז עלינאָר'ן ניט געווען באַקוועם. זי האָט דעמאָלט געפיהלט זיך ניט אויפ'ן ריכטיגען אָרט. די געסט זיינען אַלע געווען שוין פאַרהייראַטע פּאָרלעך, און זיי האָבען דאָ פאַרבראַכט דעם אָווענט אין שפּילען „ברידזש". עס האָט דעמאָלט געפעלט פאַר עלינאָר'ן אַ „פּאַרטנער", און ניט צו ברענגען מאַרטהאַ'ן אין אַ פאַרלעגענהייט האָט עלינאָר באַלד אָנגעטאָן איר מאַנטעל צו געהן אהיים. מאַרטהאַ האָט זיך ביי איר געבעטען:

— בלייב דאָ, עלינאָר. וואָס איילסטו זיך צו געהן אהיים.

(ווייטערעס מאָרגען)

---



## רוטה דזשייקאָבס
## ראַטגעבערין פאַר אידישער באַלעבאַטישקייט

RUTH JACOBS
*Advisor on Jewish Homemaking*

אַ פריינדינע האָט מיר געגעבען אַ רעסיפּי ווי אַזוי צו מאַכען אַ נאַשעריי וואָס הייסט „אַפּסאַיד־דאַונים". איך האָב זיי געמאַכט נעכטען און סערווירט צו פריינט נעכטען אָווענט און זיי האָבען עס אַלע געלויבט. איך האָב גלייך באַשלאָסען אייך איבערצוגעבען די דאָזיגע רעסיפּי.

1 קאַפּע צוקער
½ קאַפּע מאַרדזשערין
2 אייער, אָפּגעטיילט
2 קאַפּעס מעהל
2 טיי־לעפעלעך בעיקינג־פּאַודער
¾ טיי־לעפעלע זאַלץ
1 קאַפּע וואַסער
1 קאַפּע ברוינעם צוקער
1 טיי־לעפעלע וואַנילאַ
32 פּרונס

קרימט שאָרטענינג, גיט צו ווייסען צוקער און אייער־געלעכלעך. זיפּט טרוקענע באַשטאַנדטיילען צוזאַמען און גיט־צו צו ביסלעך וואַסער. מישט כסדר. גיט צו פלעיוואָרינג. ווייקט פּרונס ביז ווייך. נעמט אַרויס קערלעך און צעשניידט פּרונס אויף העלפטען. באַשמירט מיט פעטס 16 מאַפין בלעכלעך און לייגט אַריין אַ טיי־לעפעלע ברוינעם צוקער אין יעדער. לייגט אַריין 4 האַלבע פלוימען, די רונדיגע זייט אַרונטער, אין יעדער בלעך און גיסט אַריין קעיק־טייג אָנצופילען ביז ⅔ פול. באַקט 25 מינוט אין 350 גראַד אָדער ביז עס ווערט ברוינליך. דרייט עס איבער מיט אַכטונג. די פרוכט פון אונטער יעדען „אַפּסייד־דאַוני" וועט זיין געגלעיזט ווען אָפּגעקיהלט. מאַכט 16 מחיה'דיגע נאַשערייען.

פון איין באָקס קריגט איר אַ מחיה'דיגען פליישלאָזען דינער. דאָס איז **שעף באָי־אַר־די'ס פליישלאָזער ספּאַגעטי דינער.** 8 אונצעס פון מאַשרום סאָס, געקאָכט און געווירצט צו טעם פּערפעקציע. גיט־צו וואַסער און לאָזט דעמפּען עטליכע מינוט. 7/10 אונצעס קרעפטיגען **פאַרמעזאַן־סטאַיל קעז,** פיין צעריבען, וואַקיום געפּאַקט פאַר פרישקייט. 8 אונצעס פון שנעל־קאָכענדיגע ספּאַגעטי. קאָכט וואַסער, קאָכט צו געווינשטער ווייכקייט, גיסט אָפּ, גיסט אַרויף מאַשרום סאָס און קעז. עס מאַכט אַ מחיה'דיג מאָלצייט. שעף באָי־אַר־די פליישלאָזע ספּאַגעטי קען סערווירט ווערען אין יעדער אידישער היים. עס איז אַ וואונדערבאַרער ענטפער צו דער פראַגע: וואָס זאָל איך מאַכען פאַר אַ גרינגען מאָלצייט היינט אָווענט?

סערווירט ביי מילכיגע מאָלצייטען, אָדער אָהן קעז ביי פליישיגע מאָלצייטען.

**באָרדען'ס אינסטענט קאַפּע** איז 100 פּראָצענט לויטערע קאַפּע און דער אופן ווי אַזוי דאָס ווערט אויסגעאַרבייט פאַרהיט דעם ראָוסטער פרישען טעם. עס איז מחיה'דיג אַזוי גוט ווי שפּאָרזאַם. קיין אָפּפאַל! קיין איבערגעבליבענע קאַפּע. מאַכט בלויז אַזוי פיל וויפיל איר דאַרפט. ווען איר מאַכט אינסטענט באָרדען'ס הייסע אָדער אייזיג קאַפּע, פאָלגט אויס די גרינגע אָנווייזונגען אויפ'ן דזשאַר פאַר די בעסטע רעזולטאַטען.

**טאַיד** איז איינער פון די פּראָדוקטען, וועלכע שטייען אויבען־אָן אויף מיין ליסטע פון „הויז־אַרבייט העלפער". טאַיד האָט געשניטען מיין וואַשטאָג אַרבייט אין העלפט. עס טוט ממש וואונדער אין מיין וואַשינג מאַשין אַזוי גוט ווי אין דער סינק. טאַיד מאַכט ווייסע וועש פינקעלדיג ווייס און טאַיד מאַכט פאַקטיש קאָלירען ליכטיגער. טאַיד לאָזט ניט בלויז די וועש פריי פון שמוץ נאָר עס נעמט אויך אַרונטער האַרט־וואַסער איבערצוגען. עס וואַשט וועש ריינער ווי וועלכע עס איז זייף וואָס איך האָב ווען גענוצט. טאַיד שניידט אויך די אַרבייט פון וואַשען געפעס — און עס איז כשר און פאַרעווע. אויב איר האָט נאָך ניט פּרובירט טאַיד, קריגט אַ באָקס היינט. איך בין זיכער איר וועט זיין צופרידען מיט דער אַרבייט פאַרגרינגערונג פון טאַיד.

די פּראָדוקטען וואָס ווערען רעקאָמענדירט פון רוטה דזשייקאָבס, ווערען אויך אינדאָרסירט פון דער דזשאָזעף דזשייקאָבס דזשואיש מאַרקעט אָרגאַניזאַציע.

This is a feature of the Joseph Jacobs Organization

---



---



---

# דער פערטעל מיליאָן אידען אין פאַריז

(שלום פון פּערדזש 2)

אַרויס פון הויז. אָבער וואוהין געהט מען?... נאָכ'ן אַרומבלאָנקען זיך אַ שטיק צייט איבער די גאַסען, האָט ער אָנגעהויבען טראַכטען וועגען צוריקגעהן אהיים. סאַיוויי וועט מען דאָך איהם נעמען, איז זאָל ער כאָטש די פּאָר שעה, ביז די פּאָליציי וועט נאָך איהם קומען, פיהלען אַז ער האָט אַ דאַך איבער'ן קאָפּ...

שטעהענדיג אַזוי אַ פאַרלוירענער, ביי אַ הויז, האָט ער פּלוצלינג דערפיהלט ווי אימיצער האָט איהם אָנגערירט די האַנט. דאָס איז געווען דער אַלטער ציימונגס־פאַרקויפער, וועלכער איז געזעסען ביים ראָג.

— וואָס זענט איהר אַזוי פאַרצווייפעלט? — האָט דער פראַנצויז איהם שטיל געפרעגט.

האָט ער אין אַ געבראָכענעם פראַנצויזיש דערציילט דעם פרעמדען, אַז ער איז אַ איד און אַז ער קען ניט געהן אהיים, ווייל היינט ביינאַכט דאַרף מען קומען איהם נעמען...

דער ציימונגס־פאַרקויפער האָט זיך פאַרזיכטיג אומגעקוקט, דאַן האָט ער אַריינגעשטופּט דעם אידען אין האַנט אַריין אַ שליסעל און איהם גיך געזאָגט אַן אַדרעס.

— געהט אהין...

דאָס האָט ער דעם אידען געגעבען דעם שליסעל פון זיין איינזאַמען בוידעם־שטיבעל. דער איד איז אַוועק אהין און שוין דאָרט געבליבען ביז דער באַפרייאונג.

דער אַלטער פראַנצויז האָט מיט דעם פרעמדען אידען געטיילט זיין דאַך, זיין ברויט און אויך זיין האָפנונג אויף בעסערע, מענשליכערע צייטען...

און ווער ווייס צי די האָפנונג האָט ניט מעהר געהאָלפען דעם אידען דורכהאַלטען, ווי דער דאַך און דאָס ברויט. זי איז דאָך געקומען פון לויטערסטען מענשליכען קוואַל.

ווען איך האָב געהערט די דאָזיגע געשיכטע האָב איך געפיהלט, אַז ניט נאָר יענער פּוילישער איד, נאָר אויך מיר אַלע האָבען פון דעם אַלטען פראַנצויזישען ציימונגס־פאַרקויפער באַקומען דעם שליסעל צו האָפנונג.

ווייל כל־זמן עס איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ מענש, טאָר מען זיך ניט מיאש זיין. אַזוי לאַנג ווי אַזאַ פייערל ברענט אין דער נאַכט, איז נאָך ניט אינגאַנצען פינסטער.

**

געווען אין פראַנקרייך אויך גענוג גלייכגילטיגקייט און רשעות צו אידען. היטלער האָט ערקלערט אידיש לעבען אָדער אידיש האָב און גוטס פאַר הפקר און קיינמאָל וועלען ניט פעהלען קיין בעלנים צו רויבען פון הפקר... אָבער די גרעסטע מערהייט פון פראַנצויזישען פאָלק (מאַנכע מיינען, אַז מען קען דרייסט רעדען פון איבער דריי פערטעל פון פראַנצויזישען פאָלק) האָבען בעת דער ברוינער מגפה זייער מענשליך פּנים ניט פאַרלאָרען.

די פראַנצויזען האָט דערצו אַ סך מיטגעהאָלפען דער פאַקט, וואָס זיי זיינען ניט קיין מיסטיקער און זיי האָבען ניט קיין טבע פיינט צו האָבען מענשען בלויז צוליב פיינט האָבען, אָדער צוליב עפּעס אַן אַנדערער „העכערער" ניט־ראַציאָנאַלער אורזאַך. אַפילו די מאַסען נידריגע פראַנצויזען, וועלכע האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן אַנטיסעמיטישען וואָגען, זיינען גיבער געווען פּראַקטישע אַנטיסעמיטען. עס האָט זיי געלוינט פיינט צו האָבען אידען: זיי האָבען געקענט צונעמען אידישע געשעפטען, אידישע הייזער, פּטור ווערען פון אידישע קאָנקורענטען, אָבער פון פיינט האָבען אידען אָהן שום פּראַקטישען צוועק האָבען אויך זיי ניט געהאַלטען. פון בלויז שלאָגען האָבען פראַנצויזען ניט קיין פאַרגעניגען.

אָבער אַ חוץ דעם, וואָס די פראַנצויזען האָבען אין מלחמה־צייט געהאָלפען ראַטעווען אַ גרעסערע צאָל אידען, וואָס האָבען פון פריהער געלעבט אין פראַנקרייך, האָבען זיי אויך נאָכ'ן קריג געגעבען די מעגליכקייט מאַסען געראַטעוועטע אידען פון די לאַגערען און פון די מזרח־לענדער אַריינצוקומען קיין פראַנקרייך. אין דער דאָזיגער רעטונגס־אַרבייט האָט געשפּילט אַ באַזונדערע ראָלע די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין פראַנקרייך און אירער אומפאַרגעסליכער פירער לעאָן בלום.

מען שאַצט די צאָל אידען, וואָס זיינען זייט דער באַפרייאונג אַריין קיין פראַנקרייך אויף הונדערט טויזענט.

וואָלטען אַלע פון זיי געבליבען אין פראַנקרייך, וואָלט דער אידישער ישוב אין פראַנקרייך איצט געווען אַ סך גרעסער און וואַגיגער ווי ער איז. אָבער איין העלפט פון די איינגעוואַנדערטע אידען האָבען שוין פאַרלאָזט פראַנקרייך און אויך די צווייטע העלפט זיצט איינגענטליך אויף די וואַליזעס.

פאַרוואָס? וואָס פאַרמאָגט דער אידישער ישוב אין פראַנקרייך און וואָס פעלט אים? פיהלען זיך די אידען שלעכט אין פראַנקרייך?

אָבער וועגען דעם אין די ווייטערדיגע אַרטיקלען.

---

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

— איך מוז שוין גיהן, איך האב נאך פאר היינט א „דעיט" — האט עלינאר איר געזאגט מיט א גרינגגען טאן. זי האט אליין ניט געוואוסט ווי גוט זי וועט דאס קענען זיך פארשטעלען, אנטאן א מאסקע אויף זיך, אז מען זאל אויף איר גארניט דערקענען.

כמעט אלע פון דעם „באנטש" באקאנטע מיידלעך עלינאר'ס האבען שוין חתונה געהאט. זיי פלעגען קומען אהער מיט זייערע מענער, און עלינאר'ן האט זיך געדאכט ווי זייערע פנים'ער זיינען צופרידענע, בארוהיגטע. עס איז געווען ווי אלע וואלטען זוך געגרייט איינצוארדענען, זיך באזעצען, פארכאפען אן ארט ביי עפעס א גרויסער פארשטעלונג, און ניט צו בלייבען אויסען. עס איז געווען צווישען אירע חבר'טעס איינע א מיידעל רזשין. וואס ווענען איר האט מען געזאגט, אז זי האט חתונה געהאט מיט א מאן וואס זי האט אים ניט ליב. ווי נאר אויף דערוויילע האט זי זיך מיט אים פארבונדען, צוליב באקוועמליכקייט, אז זי זאל אומעטום זיך קענען ווייזען ניט אליין, נאר מיט א באגלייטער ביי איר זייט.

איז עלינאר אירע חבר'טעס מקנא געווען? מען קען זאגען אויף זיכער, אז ניט. פאר אירע אויגען איז דאך שטענדיג געשטאנען דאס בילד פון אירע אייגענע טאטע־מאמע און זייער צוריסענער לעבען, און די מורא אז מיט איר זאל אויך אזוינס ניט געשעהן. עס טרעפט, אז עלינאר פארטראכט זיך אמאל וועגען סאני'ן. עס איז מאדנע וואס סאני האט קיינמאל מיט איר ניט געמאכט קיין רייד, אז זיי זאלען חתונה האבען. וואס האט אים אפגעהאלטען? ער האט דאך איר אזוי ליב געהאט. עלינאר דערמאנט זיך איצט ווי איינמאל האט זי שוין אליין א טראכט־געטאן צו ריידען מיט אים וועגען דעם, אז זיי זאלען חתונה האבען. נאר צוליב נייגעריגקייט האט זיך איר געוואלט אים אויספרואווען. וואס וואלט ער אויף דעם זאגען? נאר זי האט פון דעם קיינמאל מיט אים ניט גערעדט, ווייל זי האט ניט געוואלט ער זאל אויף איר זאגען, אז זי איז ווי אלע, זי איז „קאנווענשאנעל" (א באלעבאטיש מיידעל).

ער איז געווען אזא מאדנער, סאני, אנדערש ווי א סך בחורים וואס זי האט געקענט. יע, זי טראכט נאך פון אים, עלינאר, אמאל ווען זי איז אליין מיט זיך. די דערמאנונג וועגען אים רופט זיך אפ אין איר מיט א וועהטאג, און עס טוט עפעס אזוי באנג. פון די אלע דורכגעלעבטע שעה'ן מיט סאני'ן איז ביי איר פארבליבען נאר א טיפער אומעט, ווי אמאל מען קוקט זיך איין אויפ'ן הימעל אין א זומערדיגען פארנאכט, ווען עס באווייזען זיך די וואונדערליכע קאלירען פון א רעגענבויגען און עס פארשווינדט באלד צוריק צום האריזאנט.

---

און די צייט איז דערוויילע געגאנגען. נאך א יאר איז אוועק, א ווינטער און א פרילינג, דערנאך דער זומער און עס איז ווידער געווען הארבסט. פון אלע צייטען פון יאר האט עלינאר נאר ליב געהאט דעם שפעטען הארבסט; דעמאלט, ווען די ביימער אין פארק הויבען שוין אן צו פארלירען זייער פראכט, און א בענקשאפט נעמט־ארום נאך די פארגאנגענע זוניגע טעג. עלינאר האט דעמאלט געקענט שטונדען־לאנג אפזיצען ביים פענסטער איינע אליין און ארויסקוקען אין דער גאס. אין יענע מילדע אקטאבער פארנאכטען איז די גאס געווען איינגעוויקעלט אין א דורכזיכטיגען טומאן און די אלטע, אפגעקראכענע אפארטמענט־הייזער אנטקעגען האבען אזוי שטארק זיך ניט אנגעזעהן.

בעלא, די מאמע עלינאר'ס, איז גאנצע טעג איצט געווען „דאון־טאון" אין איר סטאר, וואו זי האט פארקויפט דרעסעס. זי פלעגט אהיימקומען שפעט פארנאכט, און אז עלינאר איז געקומען אהיים פון סקול, האט זי איינגעקויפט עסענווארג און צוגעגרייט סאפער פאר זיך און פאר איר מאמען. דערנאך זיינען מאמע און טאכטער געזעסען ביים טיש און עסנדיג האבען זיי זיך איינע דער אנדערער דערצעהלט די נייעסען פון דעם דורכגעלאפענעם טאג. ביידע עלענדע, ביידע מיד פון א טאג ארבייט.

געווען צייטען ווען עלינאר האט זיך געהאלטען פון דערווייטען מיט איר מאמען, ווייל זי האט מורא געהאט זי זאל ניט אנהויבען איר פונאנדערזאגען וואס צו טאן, זאל ניט אנהויבען איר דאמינירען. נאר איצט, אז איר מאמע איז גאנצע טעג ניט געווען אינדערהיים, האט שוין עלינאר נאך איר געבענקט, און בעלא איז אוודאי געווען צופרידען צו דערנעהענטערען זיך מיט איר טאכטער. זי איז דאך אין אמת'ן געווען עלענט און אהן שום פריינט.

גאנץ אפט האט מען עלינאר'ן און איר מאמען געקענט זעהן ארויסגעהענדיג ביידען אין גאס. אלעמאל זיינען זיי געווען שעהן און מאדערנע אנגעטאן, און געגאנגען מיט זייער שטאלצען גאנג. די שכנים פון יענעם הויז האבען זיי נאכגעקוקט און דערנאך האבען זיי צווישען זיך גערעדט:

— א שעהנער תכלית איז עס געווארען פון דער גאנצער פאמיליע. דער סעם ריווקין וואלגערט זיך ערגעץ אין דער פרעמד, און זיי ביידע דא.

— איר זעהט דאך, און פונדעסטוועגען זיינען זיי נאך אלץ פארריסען ביי זיך.

— א ברירה האבען זיי? ס'איז ווי מען זאגט: א קניפ אין באק די פארב זאל שטעהן...

עלינאר אליין האט אין יענער צייט דורכגעלעבט מינוטען פון אנגסט. עס האט זיך איר געדוכט ווי זי לאזט־דורך עפעס דורך די פינגער, עפעס אזוינס וואס מען וועט שוין ניט קענען כאפען צוריק. איר יוגענט לאזט זי דורך, דאס העכסטע געשאנק וואס עס גיט זיך צו א מענשען. זי איז שוין אלט באלד פינף־און־צוואנציג יאר. וואס פאר א גרויסער ציפער! אין א פאר יאר ארום וועט זי שוין הייסען אז „אלד מעיד".

(ווייטערס מארגען)

# זייער צווייטער פרילינג

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראָזע שושנה

(פארטזעצונג)

## איינעמ'ס פרייד — דעם צווייטענ'ס לייד

סעם איז געזעסען שבעה נאך זיין מאמען און געהאט א סך צייט צו טראכטען וועגען זיין פארפלאנטערט מזל, וועגען זיין גורל, וואס איז אזוי שלעכט צו איהם. ער האט זיך דערמאנט אן דאינע'ס פנים. ווען זי האט איהם פלוצלינג באגעגענט מיט פרייד און געבעטען א גט.

ער האט איינפאך אויפגעציטערט פון דעם געדאנק. דערצו איז ער אין דער צייט פון שבעה בסדר געווען צוזאמען מיט דאינא'ס קינד, דעם קליינעם מוני, וועלכען ער האט פארגעטערט. ער האט זיך גארניט געקאנט פארשטעלען, אז ער וועט קענען לעבען אהן דעם קינד. אבער דאס לעבען האט א סך איבערראשונגען.

קיין שום ראמאנען־שרייבער קאן ניט אויסטראכטען אזעלכע פארוויקעלטע סיטואציעס, ווי עס קאן אויסטראכטען דאס לעבען גופא.

ווען סעם איז אויפגעשטאנען פון שבעה, איז דזשייקאב, וועלכער האט איהר זעהר שטארק געפיהלט דעם וועה־טאג, וואס חנה איז שוין מעהר נישטא, צוגעגאנגען צו זיין איידעם און איהם געטרייסט, אז ער וועט זיין צו איהם א פאטער. דערנאך האט ער געזאגט:

— הער סעם, איך האב איצט א געלעגענהייט אויסצופרובירען דיינע קענטענישען און פעהיגקייטען אין געשעפט. איך האב ניט קיין זוהן, ווער ווייסט וואס עס איז געווארען מיט מיין איזי'ן, — האט דזשייקאב שווער אפגעזיפצט — ווער ווייסט צי מיינע האפנונגען, אז איזי זאל זיך נאך אמאל אומקערען, זיינען ניט קיין אומזיסטע. ווען איזי וואלט געלעבט, וואלט ער שוין געפונען א מעגליכקייט צו לאזען וויסען פון זיך. ער איז געווען א געטרייער אינגעל; עס איז א גרויסער הארץ־וועהטאג צו פארלירען אזא טייערען זוהן.

דזשייקאב האט אפגעווישט די טרערען, פארשטיקט דעם הארצוועהטאג, וואס עס פיהלט א פאטער ווען ער רעדט וועגען זיין איינציגען פארלוירענעם זוהן; ער מאכט זיך הארץ און רעדט ווייטער.

— דו ביזט מיר נישט בלויז אן איידעם, נאר אויך א זוהן. ביזט אן אנשטענדיג קינד און איך האב דיך ליב. — ער האט געמאכט א קליינע פויזע, כדי זיך צו בארוהיגען און ער האט ווייטער גערעדט:

—איך וויל, אז דו זאלסט ווערען א גרויסער ביזנעסמאן. דו ביזט א זעהר פעהיגער און ארבייטסזאמער מענש; איך וועל דאך נישט אייביג לעבען, וויל איך, אז דאינעלע און דו זאלט זיין גוט פארזארגט.

ווען דזשייקאב וואלט געווען א מבין, וואלט ער אין סעמ'ס פנים געלעזען וואס עס טוט זיך ביי איהם אין הארץ.

— איך דארף איצט מאכען גאר א גרויסע ביזנעס אין פלארידא, אין מיאמי ביטש, — האט דזשייקאב ווייטער גערעדט — עס האנדעלט זיך אין בויען א פאר גרויסע האטעלען; איך קאן שוין גוט די פלענער, איך האב אלץ גוט דורכגעטראכט. פלארידא איז איצט געווארען דער פלאץ, וואו אלע, וועלכע האבען געמאכט אביסעל געלט אין דער מלחמה, לויפען פארברענגען און אפרוהען זיך. צוליב דער מלחמה זיינען אויך א סך מענשען שוואכער געווארען, באזונדערס האבען מענשען נעבער באקומען שוואכע הערצער און זיי פאהרען זיך ראטעווען אין פלארידע. עס איז אבער נישטא גענוג פלאץ און וואוינונגען אריינצונעמען דעם גרויסען מענשען־שטראם, האט מען מיר פארגעלעגט אפצוקויפען איניגע האטעלען און זיי איבערבויען אויף גרויסע עלעגאנטע פלעצער. איך, כאטש איך בין שוין אזוי פיל יאהר דא אין אמעריקע, בין נאך אין פלארידא ניט געווען. אזוי ווי דו האסט ארויסגעוויזען אזוי פיל קענטענישען דורך דער קורצער צייט, וואס דו ביזט ביי מיר אין די ביזנעס וויל איך, אז דו זאלסט באלד מארגען אוועקפליהען קיין מיאמי ביטש און זעהן צי די הייזער שטעהען אויף א פאסיגען ארט. איך וויל, אז דער גרויסער קאמישאן זאל אריינפאלען צו דיר. דו ביסט א פאטער פון א קינד, און דו מוזט אנהויבען פיהרען אן אייגען הויז, ווי עס פאסט פאר לאסקי'ס קינדער.

סעמ'ן איז א טרויעריגער שמייכעל דורכגעלאפען איבער די עקען פון די ליפען, וועלכע ער האט צוזאמענגעדריקט.

— איך האב געווארט ביז דו וועסט אויפשטעהן פון שבעה כדי דיר דאס צו זאגען. אלזא, מארגען פארסטו ארויס. איך וועל באלד באשטעלען א פלאץ אויף אן עראפלאן. עס זאל זיין מיט מזל! — האט דזשייקאב געדריקט סעמ'ס האנט.

סעם האט זיך געפיהלט שטאליז, וואס זיין שווער טרויט איהם אן אזא גרויסע, וויכטיגע געשעפטליכע אויפגאבע, און ער האט געענטפערט.

— איהר וועט ניט זיין ענטוישט אין מיר. איך וועל אייך דאס באווייזען.

ווידער האט דזשייקאב געוואונשען, אז עס זאל זיין אין א מזל'דיגער שעה, האט שטארק געדריקט סעמ'ס האנט און איז ארויס פון צימער.

אבער דאס אויפשטעהן פון שבעה האט נישט געבראכט בלויז גוטע נייעס, נאר, ליידער, אויך זעהר ביטערע נייעס. באלד נאכדעם ווי דזשייקאב איז ארויס פון זיין צימער איז אריינגעקומען דאינע. איהר פנים האט געשטראלט פון פרייד, און זי האט געפרעגט צי זי קאן זיך זעצען? ווייל זי וויל מיט איהם ריידען עפעס זעהר ערנסטעס.

שוין דער אפיציעלער טאן האט איהם געגעבען א קלאפ אין הארץ. דאינע האט אנגעהויבען רעדען גיך און מיט א זעהר אויפגעלעגטער שטימע:

— סעם, איצט איז ענדליך געקומען די צייט, ווען פאר מיר הויבט זיך אויך אן אביסעלע גליק. געדענקסט, פאר דעם אומגליק מיט דיין ארימער מאמע געבער, בין איך אריינגעלאפען צו דיר און געזאגט, אז איך וויל א גט? אבער איך האב נישט געקענט אין דיין אומגליק, ווען דו ביזט געזעסען שבעה, ריידען מיט דיר וועגען דעם, אבער איצט...

דאינע'ס פנים האט געלויכטען און סעמ'ס פנים איז געווארען חושך'דיג.

— סעם, איך בין איצט זעהר, זעהר גליקליך און איך וויל א גט. נאר דיר דערצעהל איך פון מיין גליק... נאר דו קאנסט עס פארשטעהן...

זי האט גערעדט מיט אזא פרייד, אז טרערען האבען אנגעפילט איהרע שעהנע אויגען.

סעם איז איינפאך געווארען מיט־גריסען פון איהר פרייד. ער האט אין דער מינוט פארגעסען אין זיינע ליידען און אין זיין פארקלעמט הארץ און מיטגעפרעהט זיך מיט איהר פרייד.

דאינע האט ווייטער גערעדט:

— דו ווייסט, סעם, אז דו ביזט מיין איינציגער פריינד, מיינע עלטערן קאן איך דאך נישט דערצעהלען פון מיין גרויס גליק, אז הערי איז שוין צוריקגעקומען. דו פארשטעהסט, וואס דאס מיינט פאר מיר. — דער פאטער פון מיין קינד איז צוריקגעקומען. ער לעבט! ער לעבט! סעם איך בין אזוי גליקליך!! — האט זי אנגעהויבען ארומצוטאנצען אנכאפענדיג סעמ'ן ביים ארבעל און מיטשלעפענדיג איהם אין א געדרעה.

(ווייטערס מארגען)

# דער „סעווערענס פעי" פלאַן פון דער אינטערנעשאַנעל פאַר קלאָוק און דרעסמאַכער

(שלום פון פעידוש 2)

דורך דער שווייס און בלוט פון די ארבייטער. מיר ווילען, אז אזעלכע באלעבאטים זאלען בלייבען אין טרעיד. מיר ווילען ניט, אז זיי זאלען אונז דעזערטירען. מיר ווילען ניט דערלאזען א לאגע, אז זיי זאלען הענדום־פענדום אנטלויפען און מיר זאלען בלייבען שטעקען מיט דעם היטאירמענט און ארבייטסלאזען פאנד. זיי האבען געמאכט גענוג געלט אין דער אינדוסטריע, און עס איז ניט מער ווי רעכט, אז זיי זאלען האבען געוויסע פארפליכטונגען און פאראנטווארטליכקייטען.

„אויב זיי זיינען ניט גרייט צו באגעגענען די דאזיגע פאראנטווארטליכקייטען סאי צו דער אינדוסטריע און סאי צו די ארבייטער, איז די יוניאן גרייט, פונקט ווי אין דער פארגאנגענהייט, די דאזיגע פאראנטווארטליכקייט אויף זיי ארויפצוצווינגען."

ווי געזאגט, איז דוד דובינסקי'ס פלאן וועגען „סעווערענס פעי" אין פרינציפ אנגענומען געווארען ביי דער קאנווענשאן. איינצעלהייטען וועגען דעם דארפען ערשט אויסגעארבייט ווערען.

ווען דובינסקי האט געזאגט, אז ער איז פיל מער פאראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון דער פירמע, ווי אין דער „סעווערענס פעי" פארגיטיגונג פאר די ארבייטער, איז ער זעהר גערעכט. אז ארבייטער וועט ניט ווערען קיין ראטשילד אויב ער וועט קריגען אויף איין מאל אויסגעצאלט א וואזשנע סומע פון א פאר טויזענט דאלער. ווען מען איז ארבייטסלאז און מען לעבט אויף גרייטע, געהט די סומע אוועק איינס און צוויי. פיל וויכטיגער דעריבער, פון דעם שטאנדפונקט פון דער אינדוסטרי און פאר'ן ארבייטער, איז אז די באטרעפענדע פירמע זאל ווייטער פארבלייבען אין טרעיד. און אויב די פירמע געהט טאקע אונטער, שאדט אוודאי ניט, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען זאל דער ארבייטער קריגען אלס פארגיטיגונג א פאר טויזענט דאלאר.

דאסזעלבע דארף אויך געזאגט ווערען וועגען דער עקזיסטענץ פון דעם ריטאירמענט פאנד. אויב א פירמע באשליסט אונטער א שווינדלערישען אויסרייד צו פארלאזען דעם טרעיד, ליידט אויך פון דעם דער ריטאירמענט פאנד און אנדערע בענעפיט פאנדען. אלזא, דורך דער עקזיסטענץ פון דעם „סעווערענס פעי" פאנד ווערען די דאזיגע בענעפיטען געזיכערט צוליב דעם ווייל עס וועט ניט זיין אזוי גרינג פאר א באלעבאס צו פארלאזען די אינדוסטריע.

אין דער רעזאלוציע וועגען „סעווערענס פעי" ווערט אנגעוויזען, אז די גארמענט אינדוסטריע איז גאנץ אנדערש ווי דאס רוב גרויסע אינדוסטריעס. אין פארגלייך מיט די אינוועסטמענטס וואס מאנופעקטשורערס מאכען, זיינען די אינוועסטמענטס פון לעידיס גארמענט פאבריקאנטען גאנץ מינימאלע. מייסטענס זיינען דאס ביזנעס־אונטערנעמונגען פון צוויי אדער דריי פארטנערס, פון אינטימע פריינט, מיטגלידער פון איין משפחה, אדער לאנדסלייט. אזוי לאנג ווי מען האט געמאכט געשמאלענע פראפיטען אין דער גארמענט אינדוסטריע האבען די באלעבאטים זיך געהאלטען. איצט, אז די אינדוסטריע מאכט־דורך אן איבערקערעניש, וועלכע מאנכע באצייכענען אלס א „קריזיס", ווילען די דאזיגע מאנופעקטשורערס פטור ווערען פון זייערע פארפליכטונגען צו די ארבייטער און אפילו צו דער יוניאן. די מאנופעקטשורערס קענען זיך ניט צופאסען (ווי די ארבייטער האבען דאס שוין געטאן), אז די משוגענע מלחמה־שפע איז אוועק אין דער אייביגקייט.

די רעזאלוציע ווייזט ווייטער אן, אז געוויסע מאנופעקטשורערס ווייזען ארויס א זעהר קליינע נייגונג זיך צו זארגען וועגען דעם צושטאנד פון דער אינדוסטריע. זיי טוען ניט קיין זאך צו שטארקען דעם פונדאמענט פון דער קלאוק און דרעס אינדוסטריע, כדי צו קענען באגעגענען אלערליי אינדוסטריעלע אנטוויקלונגען. אנשטאט דאס צו טאן, האבען די דאזיגע מאנופעקטשורערס (צום גליק, איז זייער צאל ניט קיין גרויסע), דערטראכט זיך צו א פלאן פון „רעארגאניזעישאן", און מאנכע פון זיי אנטלויפען (ווי אין די גוטע אלטע צייטען) אויף דער פראווינץ, וואו פראדוקציע באדינגונגען זיינען פיל קלענער ווי אין ניו יארק.

די אינטערנעשאנעל לעידיס גארמענט וואירקערס יוניאן — ערקלערט די רעזאלוציע — וועט ניט דערלאזען צו אזא כאטישען צושטאנד. פונקט ווי אין דער פארגאנגענהייט, וועט זי זיין א פאקטאר אין שאפען א געזונטען און פעסטען באדען אין דער קלאוק און דרעס אינדוסטריע. מען מוז די באלעבאטים געבען צו פארשטעהן, אז די צייט ווען מען קען זיך אויפפירען הפקר'דיג איז פאראיבער. זיי מוזען באגרייפען, אז זיי האבען זייערע פראפיטען געמאכט א דאנק דער געזונטקייט פון דער אינדוסטריע און א דאנק דער איבערגעבענהייט פון דער יוניאן און פון די ארבייטער.

איינע פון די וועגען ווי אזוי די יוניאן וויל אפשאפען די „הפקר־פעטרישקע" באציהונג וואס מאנכע מאנופעקטשורערס האבען, איז דורך דער עטאבלירונג פון דעם „סעווערענס פעי" פאנד.





















# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

עלינאָר האָט זיך אויף איר אויס־זעהן ניט געביטען. די הויט פון איר פנים איז געווען פריש און צאַרט, ווי געווען, און די גלידער בויגעוודיג און שלאַנק. נאָר אַנטקעגען די גאָר יונגע, פלאַטערענדיגע מיידלעך פון זעכצען און זיבעצען יאָר האָט זי זיך שוין געפיהלט אַלט...

וואָס דערוואַרט איר אין דער צו־קונפט? זי וואָלט אפשר מעהר גע־דאַרפט זיך פאַרטראַכטען וועגען אויסזוכען פאַר זיך אַ חתן, צופרי־דענשטעלען איר מאַמען. בעלאַ האָט שוין איינמאָל איר טאָכטער געגעבען אָנצוהערעניש, אַז זי גאַרט עלינאָר זאָל שוין חתונה האָבען.

— איך וואָלט שוין וועלען דערלע־בען צו האָבען נחת פון דיר — האָט איר בעלאַ איינמאָל געזאָגט, און עלי־נאָר האָט זיך ניט אַרויסגעוואָרפען אויף איר מאַמע מיט אַ כעס, ווי זי פלעגט דאָס אַמאָל טאָן, און ניט געזאָגט איר, אַז זי זאָל זיך פאַר איר ניט דאגה'נען. עלינאָר האָט איצט איר אייגענער מאַמען אַנדערש פאַר־שטאַנען.

זי האָט געזעהן, אַז זינט יענע טרויעריגע טעג, ווען דער טאַטע איז אַוועק פון דער היים, האָט די מאַמע שטאַרק געליטען, אָבער זי האָט זיך ניט אָפּגעלאָזען. זי האָט געאַרבייט שווער און געהאַלטען זיך זעלבסט־שטענדיג און שטאָלץ, און דערפאַר איז איצט די מאַמע אירע אויסגעוואַק־סען העכער ביי איר אין די אויגען. אַז עלינאָר האָט זיך וועגען דעם פאַר־טראַכט, איז אין איר אויפגעקומען אַ כעס געגען איר אייגענעם טאַטען. ער איז שולדיג אין אַלץ; ווען ער לאָזט זיי דעמאָלט ניט איבער אַליין, וואָלט אפשר זייער גאַנצער לעבען אַוועק אַנדערש. עלינאָר האָט שוין לאַנג איר טאַטען ניט געזעהן. ווען זי האָט זיך פאַרבונדען מיט סאַני'ן, האָט זי פאַר איר טאַטען דעמאָלט ניט געוואָלט זיך ווייזען, ווייל איר האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט איר טאַדלען פאַר איר פריינטשאַפט מיט סאַני'ן.

איצט האָט עלינאָר געטראַכט פון אַ פּלאַן ווי אַזוי צונויפברענגען צוריק איר טאַטען מיט איר מאַמען, אַז עס זאָל ווערען שלום צווישען זיי. זי וועט איר מאַמען דערווייל פון דעם גאָרניט דערצעהלען, נאָר זי וועט קומען צו אים, איר טאַטען, און וועט האָבען מיט אים אַ לאַנגען שמועס. זי וועט אים זאָגען אָפען:

„דו ביסט שולדיג אין אַלץ, פּאַ. אַ געטרייער מאַן און אַ טאַטע לאָזט ניט איבער אַ היים אַ.ז.וו. הפקר.”

זי האָט געטראַכט ווי זי וועט אים זאָגען, אַז צוליב איר, זיין טאָכטער, דאַרף ער קומען צוריק צו זיין היים. עלינאָר'ן איז שווער געווען צו פאַר־שטעהן איר פאָטער. וואָס האַלט אים אָפּ? נו, גוט, האָבען זיי אַמאָל זיך אַרומגעקריגט. אָבער איצט איז שוין צייט דאָס צו פאַרגעסען. יעדעס מאָל וואָס זי האָט איר טאַטען געזעהן האָט ער אויסגעזעהן צו זיין פאַראומערט און ניט גליקליך. ביידע האָבען זיך שוין גענוג אָנגעליטען.

אַזוי האָט עלינאָר איצט אַלץ איבער־געטראַכט מיט'ן שכל פון איינער וואָס האָט אַליין געליטען, און זי האָט שוין גע'חלומ'ט פון דעם טאָג ווען איר טאַטע וועט זיך באַזוכען. ער וועט קומען אַהיים און זיי אַלע וועלען אָנהויבען אַ לעבען אויף־דאָס־ניי.

### קאַפּיטעל אַכט־און־פערציג

די שטאָט ניו יאָרק איז גרויס און עס קען טרעפען, אַז מענשען וואָס זיינען אַמאָל געווען נאָהענט, זאָלען זיך דערנאָך גאָרניט באַגעגענען און זיי זאָלען גאָרניט וויסען איינער פון דעם אַנדערען. לאַרי פינקעל, עלינאָר'ס אַמאָליגער געליבטער און חתן, האָט איצט געוואוינט אין אַן אַנדער געגענט פון שטאָט, אויף ריווערסאַיד דרייוו, וואו ער האָט געהאַט זיין היים. ער האָט שוין איצט געהייסען דאָקטאָר לאָורענס פינקעל, אַ האַרץ־ספּעציאַ־ליסט, און זיין נאָמען האָט שוין אָנגעהויבען ווערען באַוואוסט נוט נאָר צווישען די אייגענע פון זיין גרויסער משפּחה, נאָר ווייט אַרום צווישען פרעמדע.

ער האָט געהאַט זיין אָפיס באַזונ־דער פון זיין היים, אין איינע פון די „פּראָפעשאַנעל בילדינגס אין מאַנהע־טען, אויסגעשטאַטעט מיט נייעסטע איינריכטונגען און אינסטרומענטען, וואָס זיינען געווען נויטיג. צוויי נויר־סעס האָבען אין אָפיס פאַר אים גע־אַרבייט. איינע ביים דעסק צו פאַר־שרייבען די פּאַציענטען און געבען זיי אַ דאַטע ווען צו קומען, און די אַנדערע האָט מיט אים געאַרבייט, אַרויסצוהעלפען אים אונטער דער האַנט. אין דעם שעהנעם און גערוימען וואַרט־צימער זיינען אַלעמאָל געזעסען אַ סך פּאַציענטען און געוואַרט אויף זייער ריי, כאָטש זיי האָבען גע־דאַרפט באַצאָלען גרויסע געלטער פאַר זייער וויזיט. זיי האָבען געהאַט אַ סך צוטרוי צו דר. לאָורענס פינקעל און אין זיין וואָרט האָבען זיי שטאַרק געגלייבט.

אויף זיין אויסזעהן איז ער איצט געווען דער זעלבער לאַרי, מיט זיין זיכערען שטעל און דעם גוטמוטיגען שמייכעל, וואָס האָט געמאַכט יעדען איינעם צו פיהלען גרינג מיט אים. ער האָט איצט אויסגעקוקט נאָך מעהר געזעצט ווי פריהער, ווען עלינאָר האָט אים געקענט, נאָר זיין ענערגישער, באַוועגליכער קערפּער איז געוואָרען אַ ביסעל מעהר פול. און די שוואַרצע, געדיכטע האָר זיינע האָבען אָנגעהויבען ווערען שיטערליך אויפ'ן שפּיץ קאָפּ. נאָר אַרום און אַרום האָט ער גע־האַט דעם אויסזעהן פון אַן ערפאָלג־רייכען און צופרידענעם מענשען.

וועגען לאַרי'ן האָט מען איצט גע־קענט זאָגען, אַז ער פאַרמאָגט אַלץ, וואָס אַ מענש קען נאָר פאַרלאַנגען: רייכקייט און גוטע היים, אַ שעהנע ווייב און צוויי ליבע קינדערלעך. ער האָט חתונה געהאַט מיט דעם מיידעל ליליען, איינע פון זיין אייגענער משפּחה. דאָס איז געווען די זעלבע בלאָנדע ליליען, וואָס מיט פינף יאָהר צוריק האָט זי געמאַכט אַזאַ איבער־קערעניש אין די לעבענס פון עלי־נאָר'ן און לאַרי'ן, און זייער ליבע איז דעמאָלט איבערגעריסען געוואָרען. לי־ליען'ס טאַטע איז געווען רייך און ער האָט געגעבען לאַרי'ן גענוג געלט אויף אויסשטאַטען פאַר איהם זיין אָפיס.

לאַרי וואָלט באַדאַרפט זיין צופרי־דען מיט'ן אופן ווי עס איז איצט אַוועק זיין לעבען. ער האָט זיך אויף זיין ווייב ליליען ניט געקענט באַקלאָגען. זי איז צו איהם געווען אַ גוטע ווייב. זי האָט געפיהרט זייער הויז מיט אַ ברייטען פאַרנעם, ווי ער האָט נאָך אַמאָל פון דעם גע'חלומ'ט. און זי האָט געהאָדעוועט זייערע צוויי קינדער און געווען אַ געטרייע מאַמע. די מענ־שען, מיט וועלכע ליליען האָט איצט זיך גע'חבר'ט, זיינען אַלע געווען נאָר פון שטאַנד, „פּראָפעשאַנאַלס” און אַזוי רייכע. און געהאַלטען האָט זי זיך צווישען זיי מיט דעם געהעריגען שטעל, ווי איינע, וואָס ווייסט איהר ווערדע. זי איז געווען אַ דאָקטאָר'ס אַ ווייב. ליליען אַליין איז איצט גע־ווען רוהיג און צופרידען. זי האָט גע־וואוסט, אַז לאַרי באַלאַנגט נאָר צו איהר אַליין. ער איז געווען אַ גוטער מאַן, און זעלטען ווען עס איז געקומען צו אַן איבעררייד צווישען זיי. ער איז געווען אַזוי פאַרנומען, און זי האָט געוואוסט, אַז זי דאַרף איהם גוט אָפּהיטען.

יאָ, לאַרי וואָלט אוודאי באַדאַרפט זיין צופרידען ווי אַלץ האָט זיך מיט אים אויפגעלייגט. נאָר עפּעס האָט אים געפעלט אין זיין צוזאַמענלעבען מיט ליליען. עס איז ניט געווען העך רייץ, וואָס זאָל אים ציהען צו איר. און ער זאָל זיך איילען צו וועלען איר זעהן, נאָכדעם ווי ער איז פריי געוואָ־רען פון זיין אַרבייט אין אָפיס. זאָל דאָס זיין, אַז ער האָט נאָך אַלץ גע־בענקט נאָך עלינאָר'ן? און אפשר האָט ער חרטה געהאַט, וואָס ער האָט דעמאָלט ניט געזעהן צו פאַרמיידען דעם ריס צווישען איר און אים, וואָס עס האָט דערנאָך געבראַכט, אַז זיי זאָלען זיך צוגעהן. וויפיל מאָל ער האָט געפּרואווט זיך דאָס מאַכען קלאָר האָט ער קיינמאָל זיך ניט געקענט דערטראַכטען, וואָס האָט געפירט צו זייער קריג. ער האָט ניט געקענט ווי־סען אַז דאָס איז געווען די אייפער־זוכט, וואָס עלינאָר האָט דעמאָלט דערפיהלט צו ליליע'ן, און דאָס האָט איר אַזוי אויפגעבראַכט אַנטקעגען אים. עלינאָר אַליין איז געווען צו־שטאָלץ ביי זיך, אַז זי זאָל דאָס אים זאָגען.

(ווייטערעס מאָרגען)

## לואיס גאָלדשטיין שיקט 10טע יעהרליכע $500 ביישטייערונג צום וואַקעישאָן פאָנד

דער באַוואוסטער אידישער ביזנעס־מאַן, דער געוועזענער אונטערנעמער און מענעדזשער פון דעם גרענד סטריט טעאַטער, מר. לואיס גאָלדשטיין, האָט די וואָך ווידער צוגעשיקט זיין יעהר־ליכע ביישטייערונג צום „פאָרווערטס” וואַקעישאָן פאָנד — 500 דאָלאַר. מיט דעם היי־יאָהריגען בייטראַג צום פאָנד פאַרענדיגט מר. גאָלדשטיין צעהן יאָהר, און פינף טויזענט דאָלאַר, פאַר דעם וויכטיגען און הייליגען צוועק — באַזאָרגען אָרימע אידישע קינדער כאָטש מיט אַ פּאָר וואָכען וואַ־קעישאָן יעדען זומער.

ער פאַרענדיגט צעהן יאָהר און הויבט גלייך אָן צעהן נייע יאָהר. ווע־מען־וועמען, איהם דאַרף מען ניט דער־מאָנען וועגען דער וויכטיגקייט און דער באַדייטונג פון דעם וואַקעישאָן פאָנד. ער האָט כמעט זיין גאַנץ לע־בען אָפּגעוואוינט אין ניו יאָרק און ער ווייסט ווי אַזוי די גרויסע זומער־דיגע היצען ווירקען אויף די מענשען און ווי אַזוי זיי פאַר'מיאוס'ן דאָס לעבען פון די קינדער.

איז ווי נאָר ס'ערשיינט אין „פאָר־ווערטס” דער ערשטער רוף צו די לייע־נער, אַז זיי זאָלען זיך באַטייליגען אין דעם וואַקעישאָן פאָנד, טעלעפאָנירט מר. גאָלדשטיין אָדער ער קומט פּער־זענליך און ער טראָגט צו זיין היבשע ביישטייערונג.

ער איז געוואוינט צו געבען. ער האָט מיט קנאַפּע צוויי יאָהר אַוועק־געגעבען דעם ביאַליסטאָקער מושב זקנים קנאַפּע 16 טויזענט דאָלאַר. ער גיט פאַר די אידישע קינדער אין איי־ראָפּע; ער שטיצט דעם אידישען טעאַטריקעל אַלאַיענס, צאָהלענדיג די דיוס פאַר מיטגלידער וואָס זיינען הינ־טערשטעליג. ער איז אַ געבער, ווייל ער האָט ליב מענשען און קען ניט צוזעהן דעם צער פון ליידען.

ער אַליין האָט גענוג זיך אָנגעפּלאָגט אין זיין לעבען. געקומען איז ער קיין אַמעריקע פון דער קליינער שטעטעל אַסטראַלענקאַ, לאָמזער גובערניע, אין פּוילען, אַהן אַ סענט אין קעשענע, אין עלטער פון 17 יאָהר. קיין גואל, קיין קרוב האָט דער 17־יאָהריגער אינגעל דאָ ניט געהאַט. האָט ער די ערשטע צייט זיך דאָ אַרומגעוואַלגערט, געאַר־בייט כל עבודת פּרך, ביז ס'איז איהם געלונגען אַוועקצושטעלען זיך מיטביידע פיס אין דעם נייעם, ניט־פריינטליכען באָדען. ער האָט פאַר קיינעם זיך ניט באַקלאָגט, פּשוט ווייל ער האָט ניט געהאַט פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגען. זיינען אַלע זיינע ליידען און אַבידעם פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן עקשנות'דיגער ענטשלאָסענ־הייט צו שטעלען זיך אויף די פיס, ווערען אַ מענש מיט לייטען גלייך.

און — ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, איז געוואָרען אַליין אַ לייט. מיט די ערשטע פאַר דאָלאַר, וואָס ער האָט פאַרדינט ערב פּסח ביי מצה־באַקען, האָט ער גענומען איינקויפען סחורות ביי אַקשאַנס און זיי פאַרקויי־פען צו ריטעילערס אויף דער איסט־סאַיד. ס'איז געווען, דאַרף מען האָבען אין זינען, מיט 65 יאָהר צוריק, ווען די קליינע איסט־סאַידער פּעדלער און קרעמער האָבען נאָך ניט געוואוסט דעם וואָר־איין און וואָר־אויס, און דער יונגער לואיס גאָלדשטיין האָט מיט זיין פאַרמיטלונג פאַר זיי דורכגעפירט אַ וויכטיגע קאָמערציעלע פונקציע.

מיט דעם ערשטען אָפּגעשפּאָרטען קאַפּיטאַל פון אַ פּאָר טויזענט דאָלאַר האָט גאָלדשטיין גענומען מאַנופאַקט־טשורען סעלצער־וואַסער און איז גע־ווען דער ערשטער צו באַזאָרגען די דאַמאָלסדיגע איסט־סאַידער רעסטאָ־ראַנען מיט סעלצער־פאָונטעינס. און ער איז שוין געגאַנגען ווייטער — איינגעפירט די גרויסע אָטאָבוסען, וועלכע האָבען אין די זומער־חדשים געפירט מענשען קיין קאָני איילענד, אין דעם בינעזישען קוואַרטאַל און צו די פּערד־רעיסעס. אין די ווינטער־מאָנאַטען האָט מר. גאָלדשטיין אָפּגע־שיקט די באַסעס זיינע אין דער סאַוט.

און אַזוי איז ער אין אַ סך אונטער־נעמונגען געווען דער פּיאָנער; גע־ווען דער ערשטער צו עפענען מאָווינג פּיקטשור טעאַטערס אויף דער איסט־סאַיד, און אַז ער האָט זיך באַקענט מיט דער מאָווינג פּיקטשור ביזנעס, האָט ער איבערגענומען דעם דאַמאָלס־דיגען גרויסען גרענד סטריט טעאַטער און איהם יאָהרען־לאַנג געמענעדזשט אַלס אידיש וואָדעוויל־טעאַטער און — געוויזען, אַז מ'קאָן ביי טעאַטער פאַר־דינען אַ סך געלט.

ס'איז איהם געגאַנגען אין אַלץ, צו וואָס ער האָט זיך גענומען; ער האָט געהאַט מזל־ברכה אין אַלע אונטערנע־מונגען. ווען ער האָט אָפּגעקויפט דעם קלאַרידזש האָטעל, אויף בראָדוועי, פאַר איבער אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר, האָט ער איהם אין משך פון עטליכע יאָהר צייט פאַרוואַנדעלט אין איינער פון די ערפאָלגרייכסטע אַכסניה'ס אין ניו יאָרק.

די ענערגיע און „קאָמאָן סענס”, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען אין ביז־



לואיס גאָלדשטיין

נעס, האָט ער אויך אָנגעווענדעט אין צדקה־אַרבייט, אין דער הילף וואָס ער האָט געגעבען אינסטיטוציעס און יחידים.

ווען ער איז, מיט אַ יאָהר צוואַנציג צוריק, געקומען אויף אַ באַזוך אין זיין היים־שטעטעל, אַסטראַלענקאַ, האָט ער ניט סתם געטיילט צדקה, נאָר ער האָט פאַר די אָרנוואַיינער דאָרט, איד און קריסט, אויפגעשטעלט אַ גמילות חסדים קאַסע, וואו איד און ניט־איד האָט גע־קענט באַקומען אַן הלוואה אָהן פּראָ־צענט. ער האָט דאָרט רעמאָנטירט די אַלטע שוהל, געשטעלט אַ גדר אַרום דעם הרוב־געוואָרענעם בית־עולם — אַסטראַלענקאַ האָט זיך געבענטשט מיט איהר לייבעל, וועלכער איז אַוועק אין מרחקים, דאָרט געוואָרען גרויס און רייך, און האָט פאָרט ניט פאַרגעסען דעם אַלטען שטאָט און די אַלטע, אָרי־מע היים.

ניין, מר. גאָלדשטיין פאַרגעסט ניט. ער פאַרגעסט ניט די אַלטע איסט־סאַיד, אויף וועלכער ער האָט פאַר־בראַכט די יונגע יאָהרען. זיי זיינען געווען יאָהרען פון שווערער פּראַצע, אָבער אויך יאָהרען פון וואַקסען — גייסטיג און פיזיש און מאַטעריעל. די שווערע מיה האָט איהם ניט צע־בראָכען. פאַרקערט, קעמפענדיג מיט די אומשטענדען איז ער שטאַרק גע־וואָרען.

ער פאַרגעסט ניט די ענגע געסלעך פון זיין אַמאָליגער איסט־סאַיד. יעדעס יאָהר שיקט ער צו זיין בייטראַג פון 500 דאָלאַר צום וואַקעישאָן פאָנד, וועלכער שטיצט די אָרימע קינדער, און ער וועט יאָהרען־לאַנג נאָך צוטראָגען זיין ביישטייערונג.

צעהנדליגער אָרימע קינדער ווינשען איהם אריכת ימים — ער איז אַ טאַטע און אַ רעטער.

FORWARD VACATION FUND
175 East Broadway
New York 2, N. Y.

## „רעסיפּיס“

אָנגעפירט פון רעגינאַ פרישוואַסער

(די וואָס ווילען אַריינשיקען רעסיפּיס זאָלען עס אַדרעסירען אויף דעם פאָלגענדען אַדרעס: Forward Recipe Dept., 175 E. Broadway, N. Y.)

### אַ שפּאַרעוודיגער לאַנטש

1 פונט רויע רויג פון אַ קאַרפּ
1 טיילעפעלע זאַלץ
1/8 טיילעפעלע פעפער
1 עסלעפעל פינאַט אויל
3 עסלעפעל לעמאַנזאַפט
1 ציבעלע
4 טאַמעיטאַס

נעמט אַוועק די הייטעלעך פון די רויגען און וואַשט זיי איבער מיט קאַלטע וואַסער. צערייבט די רויגען מיט אַ גאָפּעל גאַנץ פיין און מישט זיי אויס מיט אַ פיין־צושניטענער ציבעלע, זאַלץ, פעפער, פינאַט־אויל און לעמאַן־זאַפט. שניידט־אויס די ווייכע טייל פון די טאַמעיטאַס און לאָזט די שאַ־לעכטס גאַנץ. באַטרייסעלט די טאַ־מעיטאַ קאַפּעס מיט זאַלץ פון אינווענינג און פילט זיי מיט דעם רויגען־מיקס־טשור. לייגט אַוועק אַ לעטוס־בלעטעל אויף אַ קליינעם טעלערעל און שטעלט אַרויף אַ געפילטע טאַמעיטאַ. לייגט אַוועק ביי דער זייט צוויי שטיקלעך אוגערקע און אַ שוואַרצען און אַ גרי־נעם אָליוו. אַזוי־אַרום דאַרפט איהר צוגרייטען אַלע טאַמעיטאַס און זיי סערווירען פאַר אַ פאַרשפּייז.

### געפּרעגעלטע קאַליפלאַוער

1 קעפּעל קאַליפלאַוער
2 אייער
1/2 קאַפּע מעל
1 ציבעלע
1 קען טאַמעיטאַ סאָס
1 טיילעפעלע זאַלץ.

צענעמט די בלימעלעך פון אַ קאַלי־פלאַוער און וואַשט זיי איין אין געזאַל־צענע וואַסער פאַר איין שעה צייט. נעמט זיי אַרויס פון וואַסער, טריקענט זיי אָפּ מיט אַ האַנטוך. טונקט זיי אין מעל וואָס איז אויסגעמישט מיט זאַלץ און אין אויפגעשלאָגענע אייער. קאָכט־אויף אין אַ פרייפּאַן אַביסעל אויל און פּרעגעלט זיי בי זיי וועלען זיין ברוין אויף אַלע זייטען. צעשניידט אַ ציבע־לע אויף קליינע שטיקלעך און פּרעגעלט מיט פּוטער ביז די ציבעלע ווערען ברוין. גיסט אַריין אַביסעל וואַסער, איין קען טאַמעיטאַ סאָס און לייגט אַריין די געפּרעגעלטע קאַליפלאַוער. מישט אַריין אַ ביסעל צוקער און קאָכט אויף אַ קליינעם פייער ביז עס וועט ווערען ווייך. סערווירט דאָס אויף הייסען טאָוסט, וואָס איז באַשמירט מיט פּוטער.

### אַ בוריקעס באָרשט

1 באַנדעל בוריקעס
1 פונט טשערים
2 אייער
2 לעמאַנס
3 עסלעפעל צוקער.

וואַשט אָפּ די בוריקעס מיט קאַלטע וואַסער און קאָכט זיי מיט די שאַלעכ־צען אין וואַסער ביז זיי וועלען ווערען ווייך. זאַיט אַוועק די וואַסער און לאָזט די בוריקעס קאַלט ווערען. זאַיט איבער די בוריקעס־וואַסער דורך אַ געדיכטע טיכעל און מישט דאָס צו־זאַמען מיט גענוג וואַסער עס זאָל זיין איין קוואָרט. קאָכט עס אויף. שיילט אָפּ די בוריקעס און צערייבט זיי אויף דער זייט פון ריבאייזן מיט די גרויסע לעכער. וואַרפט דאָס אַריין אין באָרשט. וואַרפט אַריין די אויסגע־ביינדעלטע טשערים. וואַרפט אַריין אַ שטיקעל זויער־זאַלץ און איין טיילעפע־לע זאַלץ. קאָכט אַלעס צוזאַמען ביז די טשערים ווערען ווייך. מישט אַריין צוקער לעמאַנזאַפט און לאָזט עס קאַלט ווערען. פאַרווייסט דעם באָרשט מיט אויפגעשלאָגענע אייער און לאָזט עס שטעהן אין פרידזשידער ביז מען דאַרף דאָס סערווירען.

### אַ רייז פּודינג

1 קאַפּע רויע רייז
2 גלעזער וואַסער
4 גלעזער מילך
1/2 קאַפּע צוקער
2 אייער און צוויי געלכלעך
1 לעמאַן
1/2 קען ווייסע רעיזינס
1/4 קאַפּע פּוטער
1 טיילעפעלע וואַנעלאַ.

קאָכט־אויף וואַסער מיט זאַלץ און וואַרפט אַריין איבערגעוואַשענע רייז. קאָכט די רייז צעהן מינוט און זאַיט אַוועק די וואַסער. מישט אויס די רייז מיט פּוטער, וואַנעלאַ, צוקער, מילך, אויפגעשלאָגענע אייער, געלכלעך, רעי־זענס און לעמאַן־זאַפט. שלאָגט עס אויף זעהר גוט און גיסט עס אַריין אין אַ בלעך וואָס איז באַשמירט מיט פּו־טער. שלאָגט־אויף אַ שטייפען שניי פון צוויי אייער־ווייסלען און מישט אַריין דריי עסלעפעל פּוידער־צוקער. באַגיסט מיט דעם די רייז און באַקט עס אין אַ מיטעלמעסיגען אויווען אַ האַלבע שעה.

### פאַינעפּעל און טשיז סאַלאַד

4 אונצעס קרים־טשיז
3 עסלעפעל אַראַנדזש־זאַפט
1 טיילעפעלע צעריבענע אַראַנדזש־שאָלעכץ
1 עסלעפעל צוקער
5 סלאַיסעס געקענטע פאַינעפּעל
8 סלאַיסעס געלע לעטוס־בלעטלעך
1 קאַפּע זיסען קרים
10 מאַראַשינאָ טשערים.

מישט צוזאַמען קרים־טשיז מיט צע־ריבענע אַראַנדזש־שאָלעכץ, אַראַנדזש־זאַפט און צוקער. לייגט אויס לעטוס־בלעטלעך אויף קליינע טעלער. לייגט אַוועק אַ סלאַיס געקענטע פאַינעפּעל אויף יעדען לעטוס־בלעטעל און פאַר־דעקט די פאַינעפּעל מיט דעם טשיז־מיקסטשור. דעקאָרירט דאָס מיט אויפגעשלאָגענעם זיסען קרים און מיט מאַראַשינאָ טשערים. סערווירט דאָס פאַר אַ צושפּייז מיט קאַלטע קאַפּע אָדער מיט געאייזטע טיי.

מרס. יעטאַ נאָסניק,
155 איסט 68טע סטריט,
בראָוקס 52, נ. י.

### מצה־פאַרפעל קוקיס

2 קאַפּעס מצה־מעל
2 קאַפּעס מצה־פאַרפעל
1½ קאַפּעס צוקער
1½ קאַפּעס צוהאַקטע ניס
1/2 קאַפּע אויל
4 אייער
1 אַראַנדזש
1 לעמאַן.

רייבט איין די געלכלעך מיט צוקער און אויל. מישט אַריין צוריבענע אַראַנדזש און צוריבענע לעמאַן מיט די צוריבענע שאָלעכץ. מישט אַריין אַביסעלע זאַלץ, מצה־מעל, מצה־פאַרפעל און ניס. שלאָגט־אויף אַ שניי פון די אייער־ווייסלען און מישט עס אויס זעהר גוט. שמירט אויס אַ בלעך מיט אויל און לייגט אויס קליינע שטיק־לעך טייג. דריקט זיי אַרונטער מיט אַ גאָפּעל און לייגט אַרויף אַ האַלבע מאַנדעל. באַקט זיי אין אַ הייסען אויווען אַ פערטעל שעה. לאָזט ברענען דעם אויווען פינף מינוט איידער איר שטעלט אַריין די בלעך.

מרס. ה. בלאַס,
1529 וו. 8טע סטריט,
ברוקלין 4, נ. י.

### געווירענע קאַפע קעיק

1 קאַפּע מילך
2 אונצעס איסט
3 קאַפּעס מעל
1/2 קאַפּע פּוטער
1 קאַפּע צוקער
1/2 טיילעפעלע זאַלץ
1/2 טיילעפעלע וואַנעלאַ
3 אייער
1/2 קאַפּע רעיזינס
1/2 קאַפּע צוהאַקטע ניס.

קאָכט־אויף די מילך מיט איין עס־לעפעל צוקער און לאָזט עס אויסקילען ביז עס וועט ווערען לעבליך. מישט אַריין אין דער מילך צעדרייבעלטע איסט. זיפּט־איבער די מעל אין אַ גרויסער שיסל און מאַכט אַ גריבעלע. גיסט אַריין די מילך מיט צעפּירטע איסט און מישט עס אויס מיט אַביסעל מעל און פאַרדעקט די שיסעל. לאָזט עס שטעהן אין אַ וואַרימען פּלאַץ ווי דאָס יעהרען. רייבט־איין פּוטער מיט איין קאַפּ צוקער. מישט אַריין אַבי־סעל זאַלץ, אויפגעשלאָגענע אייער, וואַ־נעלאַ און מישט דאָס צוזאַמען מיט די געיירענע טייג. מישט אַריין רעיזינס און ניס. שלאָגט עס אויף זעהר גוט און צוגיסט די טייג אין צוויי בלעכען וואָס זיינען באַשמירט מיט אויל. באַקט זיי אין אַ מיטעלמעסיגען אויווען איין שעה.

מרס. אי. מענערעלאַ,
3050 נ. 54טע סטריט,
מילוואָקי 10, וויסקאָנסין.

### אַ האָניג קעיק

1 קאַפּע שוואַרצע קאַפּע
1 קאַפּע האָניג
1/2 קאַפּע צוקער
3 קאַפּעס מעל
4 אייער
2 טיילעפעלעך בעיקינג פּוידער
1 טיילעפעלע בעיקינג סאָדע
1/2 קאַפּע אויל
1/2 קאַפּע רעיזינס
1/2 קאַפּע מאַנדלען.

מישט צוזאַמען צוקער, האָניג און געלכלעך. רייבט עס איין זעהר גוט און מישט אַריין אויל. זיפּט־איבער די מעל, צוזאַמען מיט בעיקינג ־ פּוידער, בעיקינג־סאָדע און איין טיילעפעלע צימערינג. מישט אַריין צוביסלעך מעל און צוביסלעך קאַפּע און רייבט עס איין זעהר גוט. אַזוי אַרום דאַרפט איר אַריינמישען די גאַנצע מעל און קאַפּע. צולעצט מישט אַריין די רעיזינס, צע־האַקטע מאַנדלען און אויפגעשלאָגענעם שניי. די רעיזינס און מאַנדלען דאַר־פען זיין אייסגעמישט מיט מעל. גיסט אַריין די טייג אין אַ בלעך וואָס איז אויסגעשפּרייט מיט אַ וואַקס־פּאַפּיר און באַקט עס אין אַ מיטעלמעסיגען אויווען איין שעה, אָדער ביז עס ווערט ברוין פון אויבען. שטעכט אַריין אַ טוטפּיק, ווען איר וועט זען צו דער קעיק איז פאַרטיג. ווען דער טוטפּיק וועט אַרויסקומען טרוקען.

מרס. ל. לואיס,
305 דעפּאָ סטריט,
לאַטראָוב, פּאַ.

### פרענטש וועדזשעטעיבעל ראָוסט

1 פונט סטרינג בינס
2 אַלטע זעמעל
1 טיילעפעלע זאַלץ
1/2 פונט וואָלשענע ניס
4 אייער־ווייסלען
2 געקאָכטע פּאַטעיטאָס
2 עסלעפעל פּעטס
1/8 טיילעפעלע פּאַפּריקאַ
1/8 טיילעפעלע נאַטמעג
1/8 טיילעפעלע פעפער.

וואַשט איבער די סטרינג בינס און צומאַלט זיי אין אַ שפּייז־מיל צוזאַמען מיט די אויסגעשייטע ניס. לייגט אַריין די אויסגעוויקטע זעמעל וואָס זיינען אויסגעדריקט פון די וואַסער. לייגט אַריין די פּאַטעיטאָס, באַטריי־סעלט מיט זאַלץ, פעפער, נאַטמעג און פּאַפּריקאַ. צולעצט מישט אַריין דעם אויפגעשלאָגענעם שניי. צוהאַקט אַלעס גאַנץ פיין. גיסט אַריין די מיקסטשור אין אַ בלעך וואָס איז באַשמירט מיט פּעטס און באַקט עס אין אַ מיטעל־מעסיגען אויווען אַ האַלבע שעה. איר דאַרפט באַגיסען די מיקסטשור מיט אַביסעל פּעטס און באַטריייסלען פון אויבען מיט חלה־ברעקלעך איידער איר באַקט עס אין אויווען.

מרס. אל. דושאַפּע,
855 בראַיאַנט עוועניו,
בראָנקס 59, נ. י.

### אַ רייז פּרוכט פּודינג

1¼ קאַפּע געקאָכטע רייז
2 קאַפּעס מילך
3 אייער
1 קאַפּע צוקער
1/2 קאַפּע סידלעס רעיזינס
1/2 טיילעפעלע צעריבענע לעמאַן־שאָלעכטס
1/2 טיילעפעלע לעמאַן־זאַפט.

וואַרעמט־אויף די רייז מיט מילך אין דעם אויבערשטען פענדעל פון אַ דאָבעל־באָילער, לאָזט עס ניט אויף־קאָכען. שלאָגט־אויף די געלכלעך מיט דריי־פערטעל קאַפּע צוקער און מישט אַריין צוויי עסלעפעל קאַלטע מילך. מישט דאָס צוזאַמען מיט זאַלץ די וואַרימע רייז און מילך. מישט אַריין רעיזינס, צעריבענע לעמאַן־שאָלעכטס און לעמאַן־זאַפט. גיסט אַריין די רייז־מיקסטשור אין אַ קעסטי־ראָל וואָס איז באַשמירט מיט פּוטער. שלאָגט־אויף אַ שטייפען שניי פון די אייער־ווייסלען און מישט אַריין אַ פערטעל קאַפּע צוקער. גיסט אַרויף דעם שניי אויף דעם רייז־מיקסטשור. לייגט אַרויף האַלבע סלאַיסעס פּיטשעס און באַקט עס אין אַ קילען אויווען אַ פערטעל שעה.

מרס. אסתר לענדי,
1306 וו. רוזוועלט בולוואַרד,
שיקאַגאָ 8, איל.

## אַמאַלגאַמעיטעד דזשאָינט באָארד באַשליסט צו שאַפען אַ שניידער קאָאָפּעראַטיוו אין פראַנקרייך

דער אַמאַלגאַמעיטעד דזשאָינט באָארד וועט אויפבויען אין פּאַריז אַ מאָדערנע קאָאָפּעראַטיוו פאַר שניי־דערריי פאַר די געוועזענע די.פּי.'ס וואָס האָבען זיך באַזעצט אין פראַנק־רייך.

דער דאָזיגער באַשלוס איז אָנגע־נומען געוואָרען נעכטען אויף אַ מי־טינג פון דזשאָינט באָארד. צו דעם מיטינג איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון אידישען אַרבייטער קאָמיטעט און א. אַראָנאָוויטש, דעלעגאַט פון אַר־בייטער רינג אין פראַנקרייך צו דער קאָנווענשאָן פון אַרבייטער רינג אין ניו יאָרק.

די פראַגע וועגען אַ קאָאָפּעראַטיוו איז שוין פריער געשטאַנען פאַר'ן דזשאָינט באָארד פון אַמאַלגאַמעיטע־טע. מיט דעם פּראָיעקט האָט זיך מיט אַ צייט צוריק פאַראינטערעסירט לואיס האָלענדער, דזשענעראַל מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד, וועלכער האָט אויף דער נעכטיגער זיצונג אָנגעוויזען דער־רויף, אַז דאָס איז אַ גרויסע קאָנ־סטרוקטיווע אונטערנעמונג, וועלכע אַנטשפּרעכט דעם גייסט פון דער הילפס־טעטיגקייט פון אַמאַלגאַמעי־טעד.

ב. טאַבאַטשינסקי און א. אַראָנאָ־וויטש האָבען באַריכטעט וועגען אַ שניידער־קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער אַר־בייט שוין מיט זעהר פּרימיטיווע מיט־לען אין פראַנקרייך און קען עקזיס־טירען נאָר אַ דאַנק דער אויסערגע־וועהנליכער איבערגעבענקייט פון די מיטגלידער, וואָס זיינען דאָרטען באַ־שעפטיגט.

זעהר וואַרים זיינען אַרויסגעטראָטען פאַר דעם פּראָיעקט דזש. דאָרפמאַן, י. גאָלד און מ. בלומענרייך, און אַנדערע. עס איז אָנגענומען געוואָרען אַ באַ־שלוס צו באַשטימען פאַר דעם קאָאָפּע־ראַטיוו אַ סומע פון 10,000 דאָלאַר. דער קאָאָפּעראַטיוו זאָל באַזאָרגט ווע־רען מיט אַלע מאָדערנע מאַשינען.

דער אָפיס פון אידישען אַרבייטער קאָמיטעט אין פראַנקרייך איז אָנגעווי־זען געוואָרען גלייך צוצוטרעטען צום דורכפירען דעם פּראָיעקט, און עס איז צו ערוואַרטען, אַז דער קאָאָפּעראַטיוו וועט שוין זיין אין פולען גאַנג אין הארבסט. ווען דזש. דאָרפמאַן וועט אַרויספאָרען אויף אַ באַזוך אין פּאַריז.

## קאָנפערענץ אין שטראַסבורג וועט היינט גרינדען אַ רעליגיעזע קאָמיסיע פון וועלט ברודערשאַפט אָרגאַניזאַציע

פּאַריז, יוני 12 (איטאַ). — אַ צוויי־טאָגיגע קאָנפערענץ וועט זיך דינס־טאָג (היינט) עפענען אין שטראַסבורג דורך פאָרשטעהער פון רעליגיעזע אָר־גאַניזאַציעס, מיט'ן צוועק צו גרינדען אַ קאָמיסיע פון רעליגיעזע אָרגאַניזאַ־ציעס אַלס אַ טייל פון דער וועלט־ברודערשאַפט אָרגאַניזאַציע, וואָס איז נעכטען געגרינדעט געוואָרען אין פּאַ־ריז.

די וועלט־ברודערשאַפט אָרגאַניזאַ־ציע איז געגרינדעט געוואָרען אויף דער שלום־זיצונג פון אַ 4־טאָגיגער קאָנפערענץ מיט'ן אָנטייל פון 150 דעלעגאַטען פון 12 לענדער.. די קאָנ־פערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען לויט דער איניציאַטיווע פון דער נאַ־ציאָנאַלער קאָנפערענץ פון קריסטען און אידען.

דער צוועק פון דער וועלט־ברודער־שאַפט איז צו ערמוטיגען פריינט־שאַפט, פאַרשטענדניש און קאָאָפּע־ראַציע צווישען די פעלקער פון דער וועלט.

צווישען די דייטשע רעדנער אויף דער קאָנפערענץ איז געווען אַלפרעד מייער, אַן אַדוואָקאַט פון וויסבאַדען. ער האָט ערקלערט, אַז דער אַנטיסעמי־טיזם איז ניט טויט אין דייטשלאַנד, און אַז מען דאַרף רייניגען די גיפטיגע אַטמאָספערע און באַזייטיגען די פאַר־אורטיילען צווישען דער יוגענט נאָך 15 יאָהר פון נאַציזם.

פערדינאַנד פרידענסבורג, וויצע־מעיאָר פון בערלין, האָט ערקלערט, אַז דער קאַמף געגען אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד דאַרף געפירט ווערען דורך באַזייטיגען אַנטיסעמיטישע שטעלען פון דער פּרעסע, ראַדיאָ און פילם. ער האָט פאָרגעשלאָגען, אַז די נעקסטע קאָנ־פערענץ פון דער וועלט־ברודערשאַפט זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען אין בערלין.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען גע־וואָרען אונטער'ן פאָרזיץ פון אַרטור ה. קאָמפּטאָן, קאַנצלער פון דער וואַ־שינגטאָן־אוניווערזיטעט אין סעינט לואיס. מעסעדזשעס זיינען אָנגעקומען פון פּרעזידענט טרומאַן, פּרעמיער לואיס סט. לאָרענט פון קענעדע, גע־נעראַל אייזענהאַוער, סענאַטאָר לעה־מאַן, דזשאָן פאָסטער דאַלעס און אַנ־דערע פּערזענליכקייטען.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארזעצונג)

העכער פינף יאר זיינען אוועק זינט יענער צייט און ער האט נאך עלינאר'ן געהאט אין זינען. אמאל, ווען ער איז געווען אליין מיט זיך, האט נאך איר געשטאלט זיך באוויזן פאר זיינע אויגן. דער רייץ פון איר פערזענליכקייט, די שארפקייט פון איר פארשטאנד, און עס האט אים דעמאלט באנג געטאן פאר איר.

עס האט פאסירט ווי אמאל אין א זונטאג בייטאג האט ער מיט ליליע'ן און זיינע קינדער זיך ארויסגעקליבן צו פארן ערגעץ אויף א „ראיד" אין זיין אויטאמאביל. האט ער קיין אנדער פלאץ ניט געקענט געפינען וואו צו פארן, ווי נאר אין די בראנקס. ער האט געוואלט זיינע קינדער זאלן אנקוקן דעם זאאלאגישן גארטען אין די בראנקס. נאר אין אמת'ן האט אים געצויגן דורכצופארן פריהער קראטאנא פארק. דארט וואו אלץ האט אים אן עלינאר'ן דערמאנט. דא, אין קראטאנא פארק האט ער זיך א ווײלע פארהאלטן מיט זיין קאר. זיך אומגעקוקט פון ביידע זייטן אלייען מיט אנגעשטרענגטע בליקן. אפשר וועט ער דא נאך אמאל עלינאר'ן דערזעהן. ער וואלט דערקענט איר בויגעוודיגע פיגור, איר גאנג.

א פארקלערטער אזא האט ער געהערט ווי זיין ווייב ליליען רעדט עפעס צו אים. זי זעהט ניט איין וואס פאר אן אינטערעס ער געפינט דא אין דעם געגענט, אז עס זיינען פאראן א סך שענערע פלעצער אין ניו יארק. זיין עלטער קינד, דאס אינגעל, מיט דעם נאמען זשערי, האט אויך פון אים געמאנט:

— פאפא, דו האסט דאך געזאגט מיר פארן צום „זו".

— א, יע, דו ביזט גערעכט, מיין זוהן, — האט לארי זיך א כאפ געטאן, און ער האט א קערעווע געטאן דעם רעדעל פון זיין אויטאמאביל, און זיי זיינען שוין געווען אויפ'ן וועג צום זאאלאגישן גארטען.

נאכדעם זיינען ווידער אוועק טעג ווען לארי האט שוין פון גארניט געקענט טראכטן, פארטאן מיט זיין טעגליכער ארבייט אין זיין אפיס, מיט די פיל פאציענטן. עס קאן זיין, אז ער וואלט שוין מיט דער צייט זיך איינגערוהיגט און ער וואלט אנגעהויבן ביסלעכווייז פארגעסן אן עלינאר'ן, ווען ניט א קליינע פאסירונג וואס האט אויף דאס ניי אים איינגאנצן אויפגערודערט. דאס איז געווען אין איינעם א פארנאכט ווען זיינע אפיס־שטונדען זיינען שוין געווען געענדיגט. דער לעצטער פאציענט איז שוין אוועק, און די נורס זיינע האט שוין אויך געהאט זיך אנגעטאן דעם מאנטל און געזאגט „גוד באי". און לארי נאך איז א ווײלע פארבליבן אין זיין קאבינעט. זיך אוועקגעזעצט און גענומען בלעטערן א מעדיצינישן זשורנאל, וואס איז היינט אנגעקומען מיט דער פאסט.

ניט ווילענדיג, האט ער זיך איצט פארלייענט אין די מעדיצינישע ארטיקלען, וואס האבן אים אינטערעסירט, ביז ער האט זיך אנגעשטויסן אן אן ארטיקל פון איינעם א דאקטאר אייב גארדאן, וואס האט געטאן פארשונגס־ארבייט אויף דעם געביט פון קענסער און בלוט־קראנקהייטן, און ער האט איצט געשריבן וועגן די רעזולטאטן פון זיין פארשונג.

— „דער יונג האט א גוטן קאפ", — האט לארי געגעבן א טראכט וועגן דעם שרייבער פון דעם ארטיקל. — „גארדאן. אייב גארדאן". — עפעס האט אים דער נאמען געקלונגען באקאנט. — המ!... — האט ער איבערגעריסן דאס לייענען און זיך פארקלערט.

באלד האט ער זיך אלץ דערמאנט. דאס איז דער זעלבער אייב גארדאן, עלינאר'ס א פריינט. דער סטודענט, וואס איז געווען פאראינטערעסירט אין וויסענשאפטען און אין פארשונגס־ארבייט. עס האבן אויף־דאס־ניי אויף אים א פלייץ־געטאן די ערינערונגען פון יענער צייט, ווען ער מיט עלינאר'ן האבן זיך נאך געליבט. עלינאר האט דעמאלט ניט שטארק געהאלטן פון אייב גארדאן'ען, ער געדיינקט דאס גוט. און איצט, וואס איז מיט איר איצט? האט זי חתונה געהאט מיט דעם אייב גארדאן'ען? עס ווילט זיך דאס אים שטארק וויסען. נאר ווי אזוי?

די בייינקשאפט נאך עלינאר'ן, וואס איז אין אים קיינמאל ניט געשטילט געווארען, נאר געלעגען טיף און זיך פארבאהאלטען, האט איצט אין אים אויפגעטויכט מיט נייעם כוח. ער איז געבליבן זיצען ביי זיין דעסק טיף פארטראכט. זיין ווייב ליליען האט שוין א פאר מאל גערופען אים אין טעלעפאן. נאר ער האט זיך ניט געאיילט היינט געהן אהיים.

***

ווי נאר לארי איז אריבערגעטראטען די שוועל פון זיין שטוב, איז אים זיין ווייב ליליען געקומען אנטקעגען, און א נייגעריגע האט זי ביי אים געפרעגט:

— וואס איז דאס היינט געווען ביי דיר אין אפיס, לארי, וואס דו האסט זיך אזוי פארזאמט? איך האב אפגערופען און דו האסט אזוי מאדנע געענטפערט. כ'האב ניט געקענט פארשטעהן.

— א, עס איז געווען א פאציענט א פארשפעטיגטער, — האט ער איר א זאג געטאן. עס איז געווען מאדנע וואס אים איז ניט שווער אנגעקומען צו זאגען איר א ליגען. כאטש פון דער נאטור האט לארי פיינט געהאט צו באנוצען ליגענס.

— נו, קום עסען, — האט אים ליליען גערופען. — איך האב היינט א נייעם מאכל. אלץ איז שוין אוודאי איבערגעשטאנען. פארלארען דעם טעם.

— איך בין קאי־ווי ניט שטארק הונגעריג, — האט ער איר געזאגט. זיי זיינען ביידע אריין אין דאינינג־רום, געזעצט זיך צום טיש און די דינסטמיידל האט דערלאנגט דעם סאפער. די קינדער האבען זיך ניט געקענט דערווארטען אויפ'ן טאטען און ליליען האט זיי געלייגט אין צייט שלאפען. לארי האט געגעסען מיט א פארטראגענעם אויסזעהן, און באלד נאך סאפער האט ער זיך געזעצט אין א טיפען שטול אריינקוקען אין א צייטונג. נאר ליליען איז געווען זעהר באלעבט. זי האט איר מאן קוים דערלעבט צו זעהן. זי האט געהאט א סך זאכען אים צו דערצעהלען, וואס האט זיך פארלאפען דורכ'ן טאג, און זי האט זיך אוועקגעזעצט אנטקעגען אים. די האריסאנס האבען אפגערופען. זיי ווילען ניט אנדערש, אז זיי זאלען קומען ביידע אהין מיט א וויזיט. און זי, ליליען, איז היינט דעם גאנצען טאג געווען אין גאס „שאפינג". זי האט איינגעקויפט א סך שעהנע זאכען.

— איך מוז דיר ווייזען מיין נייע הוט, — האט זי זיך א הויב־געטאן פון ארט.

זי האט געהאט א פולע, אויסגערונדיגטע פיגור, אריינגענומען אין א שטייפען קארסעט. איר ווייסער לייב האט אזוי ווי ארויסגעשוימט דורך דעם אויסשניט פון איר קלייד ביים האלז. איר פולע, אויסגערונדיגטער פנים האט געהאט א ראזיווען קאליר און אירע בלאנדע האר זיינען געווען איינגעפערסט אין מארישע קארבען. לארי האט צוגעמאכט די אויגען. ער האט געהערט זיין ווייב'ס רוהיגע שטימע און ער האט געפרואווט טראכטען פון עפעס אנדערש. ליליען איז אויף א ווײלע ארײן צו זיך אין צימער און ארויסגעקומען צוריק מיט דעם נייעם הוט אויפ'ן קאפ אנגעטאן:

— נו, עס געפעלט דיר? זאג מיר דעם אמת, לארי.

— יע. פארוואס זאל מיר ניט געפעלען? — האט ער ניט אויפגעהויבען די אויגען פון זיין צייטונג.

— אבער עס איז שיין? איך וויל הערען דיין מיינונג.

— עס איז שיין, — האט איר לארי געזאגט מיט א פארטראגענעם אויסזעהן.

— אז דו זעהסט דאך אפילו ניט, לארי, — דו קוקסט דאך גאר אין פעיפער.

— איך זעה יע, — האט ער אויפגעהויבען די אויגען, ווי נאר אויף נאכצוגעבען איר.

— יע, איך האב גאר פארגעסען, — האט ליליען אויף גיך אראפגענומען איר הוט פון קאפ. — דעם דינסטאג אוונט געהען מיר הערען א קאנצערט אין קארנעגי האל. עס וועט שפילען דער באוואוסטער פיאניסט מינאטי. איך האב שוין אפגערעדט מיט די האריסאנס, זיי וועלען שוין קריגען בילעטען פאר אונז אייך.

(ווייטערס מארגען)



„א־קעי! איך בין שוין אויף! אבער דו וואלסט ניט געדארפט צו באנוצען די וואסער־קישקע ווען דו האסט ניט די פלארס פראטעקטער מיט די וואסער־צוריקשטויסענדע ביקאן וואקס."

# אַ לעבן פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

זי האָט גענומען פּלאַנעווען ווי זיי וועלען זיך טרעפען דינסטאג ביינאכט. לאַרי וועט גלייך פון אָפיס קומען אין אַ געוויסען רעסטאָראַן איר באַגעגענען. זיי וועלען דאָרט עסען סאַפּער. און זי, לילין, וועט פון פריהער באַשטעלען עמיצען וואָס זאָל בלייבען מיט די קינדער, אויב די דינסטמיידעל וועט יענעם אָוונט וועלען אוועקגעהן פון שטוב.

לאַרי האָט איצט אַ טראַכט געטאָן פון די אָוונטען ווען ער און לילין זיינען געגאַנגען צוזאַמען צו אַ קאָנצערט אָדער אַ פאָרשטעלונג. עס האָט אים אויפגערעגט ווי אַזוי לילין נעמט אויף זאַכען וואָס קומען פאָר אויף דער סצענע. זי ווערט ניט באַגייסטערט מיט דאָס גוטע וואָס זי זעהט און עס רעגט איר ניט אויף דאָס שלעכטע. ער דערמאָנט זיך, ער האָט איר אַמאָל געפרעגט:

— ווי איז דיר געפעלען די היינטיגע פאָרשטעלונג, לילין?

— גאַנץ פיין געווען, — האָט זי אים געענטפערט מיט איר געוועהנליכער רוהיגער שטימע.

איר געדאַנק איז פלאַר און זי קען גאָרניט אויפנעמען קיין העכערע ענינים, — האָט ער מיט ביטערקייט פון איר איצט געטראַכט. ער איז מיט אַמאָל געוואָרען אויפגערייצט:

— וואָס באַשטעלסטו פאַר מיר „רעיטס“, — האָט ער ארויסגערעדט מיט כעס, — פון וואַנען ווייסטו, אַז איך וועל דעם אָוונט ניט זיין פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש?

— אין אָוונט, נאָך דיינע אָפיס־שטונדען, האָסטו אַלע מאָל צייט.

— און אַז איך וועל פונקט דעם אָוונט ניט פיהלען ווי צו געהן? דו האָסט ביי מיר געפרעגט?

עס איז ניט געווען קיין געוועהנליכע זאַך פאַר לאַרי'ן זיך אַזוי אויפצורעגען און ריידען צו זיין ווייב אין אַזאַ בייזען טאָן. און לילין האָט אים אַנגעקוקט און זיך געוואונדערט: — וואָס איז מיט אים היינט? וואָס איז ער אין כעס? ער וויל דאָך גאָרניט הערען וואָס מען רעדט צו אים. עפּעס איז היינט מיט אים ניט גלאַט...

זי האָט זיך דערמאָנט אַז די ערשטע פאַר יאָר נאָך זייער חתונה, ווען ער האָט זיך נאָך געפּרואווט אַנטקעגען שטעלען אירע פירונגען אין הויז, אָדער מיט די קינדער. דעמאָלט פלעגט ער אויך זיך צעשרייען מיט אַמאָל. גאָט צו דאַנקען, ער האָט זיך שוין פון דעם אָפּגעוואוינט. איז וואָס־זשע איז איצט ווידער פאַר אַ נייעס? זי האָט ניט געוואָלט איצט זיך אויפרעגען צופיל. בעסער דורכלאָזען און איהם פאַרשווייגען. לילין האָט געהאַלטען, אַז זי ווייס וואויל ווי מען דאַרף זיך פירען מיט אַ מאַן. עס וועט אים אי־בערגעהן דער כעס און דערנאָך וועט סאַי־ווי אַלץ ארויסקומען ווי זי האָט געוואָלט.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט ביים פענסטער אויף אַ שטול מיט אירע פּוכקע, ווייסע הענט פאַרלייגט אויפ'ן שויס, און זי האָט געשוויגען. און לאַרי, אויך אַ שווייגענדיגער, איז ארויס פון צימער און איז אוועק צו זיך אין קאַבינעט. געטראַכט האָט ער צוצולייגען זיך אויף דער קושעטקע און כאַפּען אַ דרימעל, ווי ער פלעגט דאָס טאָן יעדעס מאָל נאָך סאַפּער. אָבער היינט איז ער געווען צופיל אויפגערודערט. ער האָט געפיהלט ווי עס מישען זיך אין אים די געדאַנקען. וואָס וויל ער האָבען? אויף וועמען איז ער אין כעס?

ער האָט זיך צוגעלייגט און גע־פּרואווט איינדרימלען. אַ לאַנגע ווײַלע איז אין שטוב געווען שטיל. דערנאָך האָט ער פון אַנדערען צימער דער־הערט שטימעס ריידען. דאָס איז גע־ווען זיין שוויגער, לילין'ס מאַמע, וואָס איז געקומען אַהער אויף אַ וויזיט. לאַרי האָט באַלד דערקענט איר קול. אַ רוהיגע און זעלבסטצופרידענע שטימע. די טיר פון זיין קאַבינעט איז געווען האַלב־אָפען און ער האָט געקענט אויסכאַפּען ווערטער וואָס זיי ריידען. לילין האָט דערצעהלט איר מאַמען פון איר ארומגעהן אַ גאַנצען טאָג „שאָפּינג“ איבער די דעפּאַרטמענט־סטאָרס און זי האָט איר געוויזען די איינגעקויפטע אַרטיקלען. לאַרי האָט זיין שוויגער ניט צופיל ליב געהאַט. זי איז געווען אַ קורצגעוויקסיגע, אַ קיילעכדיגע און אַ פעטע. איר פּנים איז געווען ווי צושוואומען דורך איר ברייטען גוידער און אַזרע אויגען זיינען אויך געווען קליין, פאַרשוואומען דורך די פעטס פון איר פּנים. און לאַרי'ן האָט זיך אַ סך מאָל געדאַכט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועט לילין אין איר אויסזעהן ווערען ענליך צו איר מאַמען.

ער האָט געפּרואווט מאַכען זיך שלאָפענדיג, אַז ער זאָל ניט דאַרפען באַגעגענען זיין שוויגער, אָבער ער האָט ניט געקענט איינליגען רוהיג, און ניט־ווילענדיג איז ער ארויס פון זיין קאַבינעט און אריין אין ליווינג־רום, וואו לילין און איר מאַמע האָבען זיך געפונען. ער האָט זיין שוויגער באַגריסט נאָר מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ. איר איז ניט געפעלען דער אופן ווי ער האָט זי באַגריסט און זי האָט זיך אָפּגערופען:

— וואָס איז, לאַרי, דו דערקענסט מיך שוין ניט?

— לאָז אים צורוה, ער איז מיד — האָט לילין אַזוי ווי אים פאַרענט־פערט פאַר איר מאַמען. — ער איז דעם גאַנצען טאָג פאַרנומען מיט די פּאַציענטען. ווייסט דאָך, זיי מאַ־טערען אויס.

לאַרי'ן איז מיטאַמאָל געוואָרען ענג דאָ צו זיין. אים האָט זיך געגלוסט אוועקגעהן פון שטוב. אַלץ האָט דאָ אים אויסגעזעהן איצט פאַרשלעפּערט, איינגעמאַרינירט. ער וועט נעמען זיין קאַר און דורכפאָרען זיך ערגעץ, זיך אָפּפרישען. ער וועט גאָר איצט צופאָ־רען זעהן זיין טאַטע־מאַמע אין ברוק־לין. שוין לאַנג אַז ער האָט זיי ניט געזעהן.

ער האָט געזאָגט לילין'ען, אַז ער געהט זיך דורכפאָרען אַביסעל אין זיין קאַר. ער האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר זיין שוויגער און איז ארויס פון שטוב. ער האָט געפיהלט ווי דיביידע פרויען קוקען אים נאָך. ער האָט כמעט געקענט אין געדאַנק זיך פאָרשטעלען, אַז זיי ריידען איצט וועגען אים.

— וואָס איז דער מער מיט אים היינט? — וועט געוויס פרעגען לי־ליען'ס מאַמע.

— עס איז גאָרניט. ס'וועט איבער־געהן — וועט איר לילין געוויס ענטפערען.

———

זעלטען־ווען אַ זוהן איז אַזוי איבער־געגעבען צו זיין טאַטע־מאַמע ווי לאַרי איז געווען. און זעהר ווייניג קינדער געדענקען אַזוי וואָס טאַטע־מאַמע האָבען פאַר זיי געטאָן. לאַרי האָט קיינ־מאָל ניט פאַרגעסען זיינע יונגע יאָרען, ווי אַזוי זיין טאַטע־מאַמע האָבען זיך ארויסגעשלאָגען פון זייערע כוחות, אַז זייער זוהן זאָל לערנען אין קאַלעדזש און ער זאָל קענען צו עפּעס העכערס דערגרייכען. זיי האָבען אַנגענומען פאַר ליב זייער אָרעמקייט און נויט, נאָר צו וויסען אַז זייער זוהן וועט קענען פירען אַ גרינגערען און שענערען לעבען ווי זיי אַליין.

לאַרי האָט געהאַט דעם גרעסטען דרך־ארץ פאַר זיינע אַלטע טאַטע־מאַמע, וואָס אַליין זיינען זיי געווען גאָר איינפאַכע, פּראָסטע מענשען און האָבען געקענט קוים דורכלייענען אַ אידישע צייטונג. און אַפילו נאָך איצט, ווען ער איז שוין געווען אַזוי ווייט אוועק פון זיי, האָט ער נאָך גוט געהאַט אין זינען צו קומען זיי זעהן פון צייט־צו־צייט. דער אַלטער מיסטער פינקעלשטיין, דער אַמאָליגער איינרייסער אין שאַפּ און דערנאָך אין זיין „קלינינג און פּרעסינג סטאָר“, האָט אַנגעהויבען שוין זיך אונטער־געבען און ער האָט געזאָגט אויף זיך אַליין, אַז ער איז שוין אויסגעשפּילט. ער האָט שוין קוים געשלעפּט זיינע פיס. זיין גוף איז ווי אויסגעטריקענט געוואָרען, איינגעשרומפּען איינגאַנצען, און די אויגען זיינען ביי אים געווען מוטנע.

אַז ער האָט אַמאָל דערפיהלט זיך ניט־גוט האָט מיסעס פינקעלשטיין באַלד אָפּגערופען איר זוהן דעם דאָק־טאָר און לאַרי, ווי ער איז ניט געווען פאַרנומען, האָט ער געפונען צייט צו קומען דעם זעלביגען טאָג און אים באַטראַכטען.

— ווי פיהלסטו, פּאַ? וואו טוט היר וועה? — האָט ער אים גענומען אויספרעגען.

— אַ, ס'איז מיר גאָרניט. איך ווייס וואָס זי וויל האָבען — איז ער געווען אין כעס כלומרשט אויף זיין ווייב, וואָס זי מאַכט אַ ווען.

(ווייטערעס מאָרגען)

## ברוקלין — אַ שטאָט מיט אַלע מעלות

(שלום פון עדיטאָריעל פּעידזש)

— 16 פאַרמס, מיט 329 מעלקענדיגע קיה.

ברוקלין—אויב איר זייט אַ מקפיד: קוני איילענד — האָט געגעבען אַמע־ריקע דעם מחיה'דיגען, טיפּיש־אַמערי־קאַנישען מאכל: „האָט דאָג“. אַ ברוקלינער דייטש מיט'ן נאָמען פעלט־מאַן — גרינדער פון „פעלטמאַן'ס רעסטאָראַן“ אין קוני איילענד — האָט פּאָפּולאַריזירט אָט־דעם מאכל.

ברוקלין פאַרמאָגט — פּראָספּעקט פּאַרק. איך בין כמעט ווי זיכער, אַז מיט יאָרען צוריק, ווען איר זייט גע־ווען אַ האַלב־אויסגעגרינטער, פלעגט איר אין די זומערדיגע זונטאַגס אויס־נעמען אייער „גוירל פרענד“ (איצטיגע ווייב, נאַטירליך!) אין פּראָספּעקט פּאַרק. דער דאָזיגער פּאַרק איז איי־נער פון די גרעסטע — און וואָרשיינ־ליך דער שענסטער — פון גרעיטער ניו יאָרק. דאָרט וואו פּראָספּעקט פּאַרק געפינט זיך איצטער, איז אין 1776 פאָרגעקומען די היסטאָרישע „בעטל אָוו לאָנג איילענד“ (די שלאַכט פון לאָנג איילענד), וואָס האָט זיך, לייי־דער, אויסגעלאָזט מיט אַ נידערלאַגע פאַר גענעראַל דזשאָרדזש וואַשינג־טאָן'ס אַרמיי.

מער ווי אַלץ איז ברוקלין — „דהי סיטי אָוו האָומס“, די שטאָט פון היי־מען. ס'איז אַ „היימישע“ שטאָט. לצים זאָגען: ברוקלין איז די „בעד־רום“ פון ניו יאָרק. אין ניו יאָרק — דאָס הייסט, אין מאַנהעטען—אַרבייט מען, מאַכט מען אַ לעבען, געהט מען אין טעאַטער, פאַרברייננגט מען אין רעסטאָראַנען, לעבט מען אַ טאָג. און אַז מ'ווערט דערמיט אַלץ פאַרטיג — פינאַנציעל אויסגעליידיגט און פיזיש אויסגעמאַטערט — פאָרט מען קיין ברוקלין זיך דאָרט אויסצושלאָפען. אַזוי, הייסט עס, זאָגען לצים. אָבער ניט איר און ניט איך, זייענדיג סעריאָזנע מענשען, וועלען זיך צוהע־רען צו וואָס לצים באַלאַקען. אין אונ־זערע אויגען איז ברוקלין: „אַ שטאָט מיט אַלע מעלות“.

(נעקסטער אַרטיקעל—מיטוואָך)

## אַ סך מענשן באַקלאָגן זיך איצט אויף דער פּאָסט

(שלום פון פּעידזש 2)

טערען אין פלאָרידע. פריהער וואָלט אַן עיר־מעיל לעטער אַנגעקומען אין צייט. אָבער איצטער האָבען זיי גע־מוזט טעלעפאָנירען און דאָס האָט גע־קאָסט אַ דאָלאַר 50 סענט. פריהער וואָלט דאָס געקאָסט זעקס סענט.

ביזנעסלייט קלאָגען זיך, אַז די לאַנגזאַמע מעיל קאָסט זיי אַ סך געלט. איינער האָט שיער פאַרלוירען אַן אָר־דער אויף 300 טויזענט דאָלאַר, ווייל אַ בריף איז אַנגעקומען שבת אַנשטאָט פרייטאָג. דורך אַ צופאַל האָט אַ קלוירק געפונען דעם בריף, ווען דער אָפיס איז געווען געשלאָסען. ווען ער קומט נישט שבת אין אָפיס, וואָלט מען דעם בריף באַקומען מאָנטאָג און דער אָר־דער וואָלט געווען אַ פאַרלוירענער.

די אורזאַך פאַרוואָס דער פּאָסט אָפיס דעפּאַרטמענט האָט פאַרקלע־נערט די באַדינונג, איז די פאָלגענ־דע, ווי עס ערקלערט דער פּאָסט־מאַסטער־דזשענעראַל אַליין, דזשעס דאָנאַלדסאָן. דער קאָנגרעס האָט באַ־שטימט פאַר'ן פּאָסט אָפיס בודזשעט צוויי ביליאָן מיט 207 און אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר פאַר'ן קומענדיגען יאָר. די אויסגאַבען וואָלטען געווען מיט 70 מיליאָן מער, אויב מען זאָל אַנהאַלטען די אַלטע סיסטעם.

„עס איז דאָ בלויז איין איינציגער וועג איינצושפּאָרען די סומע“, האָט דאָנאַלדסאָן געזאָגט, „און דאָס איז אַרונטערצושניידען די באַדינונג. עס איז זינלאָז צו קריטיקירען אַז דער פּאָסט אָפיס קען דאָס טאָן אויף וועל־כען עס איז אַנדער וועג.“

פיל קאָנגרעסלייט געפעלט די איינ־שפּאָרונג אין פּאָסט אָפיס, אָבער זיי ווייסען נישט וואָס די באַפעלקערונג טראַכט וועגען דעם. אי דער קאָנגרעס, אי דער סענאַט האָבען שוין צוגעגרייט געזעצען, אַז דער פּאָסט אָפיס זאָל צו־ריק איינפירען די אַלטע באַדינונג. דאָס מיינט, אַז אויב די באַפעלקערונג וועט שטאַרק גענוג פּראָטעסטירען, וועלען די געזעצען וואַרשיינליך באַלד אַנגענומען ווערען.

דערווייל קלאָגען זיך בלויז די לע־טער־קעריערס, וועלכע טראָגען בריף איינמאָל אין טאָג און דאָס מיינט, אַז זיי האָבען אַ פיל גרעסערען פּאַק און זיי דאַרפען געהן אַ פיל לענגערען וועג.

די מערסטע פּערזאָנען און ביזנעס־פירמעס ליידען פון אָט דער פאַרקלע־נערונג אין פּאָסט אָפיס, וועלכע איז די ערשטע אין דער געשיכטע.

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

אין יענעם אווענט, ווען לארי האט איבערגעלאזען זיין שוויגער אין הויז און געפארען זעהן זיין טאטע־מאמע, האט ער זיי ביידען געטראפען זיצענדיג איך קיך, שמועסענדיג ביי א גלעזעל טיי. עס איז שוין געווען באלד צעהן אזייגער און מיסעס פינקעלשטיין האט זיך אזש איבערגעשראקען צו זעהן איר זוהן אין אזא צייט.

— אזוי שפעט, לארי? ס'האט חלילה גארניט פאסירט?

— ניין, גארניט. שרעק זיך ניט — האט איר לארי בארוהיגט. — איך האב נאר געוואלט זיך דורכפארען אביסעל. איך בין געקומען נאר אויף א ווײלע.

איצט זיינען זיי אלע דריי געזעסען אין קיך. די פינקעלשטיינס האבען זיך נאכגעפרעגט אויף ליליען, אויף די קינדער און לארי האט זיי געענטפערט אין א פרעהליכען טאן.

— זיי זיינען אלע אלראיט, געזונט און שטארק. — און צו זיין טאטען האט ער געזאגט:

— און דו שלאפסט נאך ניט, פא. דו האסט שוין לאנג געדארפט זיין אין בעט.

— א, די נאכט איז גענוג גרויס. איך וועל זיך נאך אויסשלאפען — האט דער אלטער פינקעלשטיין זיך אפגערופען. ער איז גאר געווארען אויפגעלעבט, דערזעהענדיג זיין זוהן, דעם שיינדעל פון דער משפחה, און אזוי אויך די מאמע, לארי'ס.

— מיט וואס זאל איך דיך אויפנעמען, מיין זוהן? — האט זי א שולדיגע אים געפרעגט. — אז איך זאל נאר וויסען ווען דו קומסט. איך האב גארניט אנגעגרייט אין שטוב. סאידען א גלאז קאלטען בארשט. איך וויים, אז דו האסט עס אמאל ליב געהאט.

— איך האב עס נאך היינט אויך ליב — האט לארי א פרעהליכער איך געזאגט. ער האט זיך דערפיהלט אויפגעלעבט. דא רוהט ער זיך אפ. זיין טאטע־מאמע, די איינציגע מענשען, וואס זיינען מיט אים פשוט און הארציג און אמת'דיג.

— ס'איז דער בעסטער מאכל, מא. — האט ער זיך פאסמאקעוועט מיט דעם בארשט און אויסגעליידיגט די גלאז. — ביי מיר אין דער היים האב איך דאס ניט.

— געה שוין געה, מיין זוהן — האט די אלטע פינקעלשטיין אים אויף דעם געענטפערט. — דיין ליליען, די גוטע מאכלים וואס זי מאכט, קען זיך קיינער צו איר ניט פארגלייכען.

לארי האט צוגעשוויגען, און די מאמע זיינע איז אויך מיטאמאל אנטשוויגען געווארען. עס איז געווען ווי מאמע און זיהן ווייסען עפעס א סוד צווישען זיך, וואס מען טאר דאס פאר'ן מויל ניט ברענגען. לארי האט קיינמאל ניט ארויסגעוויזען פאר זיין מאמען צי ער איז צופרידען מיט זיין פארהייראטען לעבען און צי ער האט אנגעטראפען מיט זיין ווייב, און די אלטע פינקעלשטיין האט ביי איר זוהן קיינמאל דאס ניט געפרעגט. נאר א מאמען דארף מען ניט דערצעהלען; אז זי איז א פאר מאל נאר אריינגעקומען צו איר זוהן אין הויז האט זי מיט איין קוק א סך זאכען פארשטאנען. זי און ליליען האבען זינט נאך דער חתונה עפעס ניט געקלעפט איינע צו די אנדערע. און דאס איז ניט געווען קיין גוטער באווייז. מיסעס פינקעלשטיין האט דאך געהאט נאך צוויי שנירס און דריי איידימס, און מיט קיין איינעם פון זיי האט זי ניט געפיהלט אזא אפגעפרעמדקייט און קאלטקייט פון זייער זייט. זי האט עס געשטיקט אין זיך, און דער מאמע'ס הארץ איז קיינמאל ניט געווען רוהיג.

— מא, פארוואס קומסטו אזוי זעלטען צו אונז? — האט לארי ביי איר געפרעגט. — קום צוגעהן, ליליען האט שוין איבערגערעדט.

— א, איך האב אליין קיין צייט ניט — האט זי אים געזאגט א תירוץ. זי האט דאך ניט געקענט דערצעהלען איר זוהן ווי זי פיהלט אז זי קומט אהין, ווי ליב עס איז איר צו זעהן די אייניקלעך אירע, צו האבען דעם נחת פון האלטען לארי'ס א קינד אויף איר שויס, ראה האלט זי זיך אפ א סך מאל פון געהן אהין. מיסעס פינקעלשטיין איז א קלוגע מאמע און א קלוגע שוויגער. זי קען ניט ווערען מיט איר שנור היימיש ווען יענע פארלאנגט עס ניט. זי גיט ניט איר שנור קיין עצה'ס ווי זיך צו פירען און זי מישט זיך ניט אין איר באלעבאטישקייט. נאר פונדערווייטען ליידט זי און שווייגט.

איבערהויפט איז מיסעס פינקעלשטיין אנגעשטויסען אויף ליליען'ס מאמע. ביידע מחותנות'טעס לעבען ניט בשלום צווישען זיך. מיסעס פינקעלשטיין האט אויף יענער א הארץ. זי בלאזט פון זיך, זי האלט זיך העכער, די מחותנת'טע אירע, כאטש זיי זיינען פון איין משפחה. ליליען'ס טאטע־מאמע זיינען רייך און ארויפגעארבייט, און מיסעס פינקעלשטיין טראכט ביי זיך מיט הארץ־ווערטאג: „נו, און אז מען איז רייך, דארף מען שוין קיין מענש ניט זיין?"

לארי איילט זיך היינט ניט געהן אהיים. ער האט איצט זיינע אייגענע געדאנקען, אנגעוויהעט פון דעם ארטיקעל אין מעדיצינישען זשורנאל, וואס ער האט היינט פארנאכט איבערגעלייענט, געשריבען פון דעם דאקטאר אייב גארדאן. אט־די געדאנקען פירען אים אוועק צו דער צייט ווען ער און עלינאר האבען זיך נאך געליבט, און ווי שטארק עס האט זיך אים איצט געוואלט א פרעג־טאן ביי זיין מאמען:

„דו געדענקסט עלינאר'ן, מא? זי איז דאך געווען ביי דיר אין שטוב."

נאר ער שווייגט שטיל, פארלוירען אין זיינע עראינערונגען. מיסעס פינקעלשטיין דערלאזט ניט איר זוהן צו פארזיצען זיך דא צו־שפעט און זי רופט זיך אפ צו אים:

— געה שוין אהיים, לארי, מיין זוהן. דיין ווייב וועט אויף דיר ווארטען.

— יע, דו ביסט גערעכט, מא, — גיט ער זיך־א כאפ, און ער זעגענט זיך אפ מיט זיין טאטע־מאמע. מיסעס פינקעלשטיין באגלייט איר זוהן ביז צו דער טיר און דער בליק, מיט וועלכען מאמע און זוהן קוקען זיך אן, רעדט א סך מעהר ווי ווערטער.

אז לארי קומט דערנאך צו זיך אהיים איז שוין נאך האלבער נאכט. אין גאנצען הויז איז שטיל. ער צינדט ניט אן קיין ליכט. מיט שטילע טריט געהט ער פארביי דעם קינדער־צימער, וואו עס שלאפען זיינע צוויי קינדערלעך. ליליען שלאפט שוין אויך אין זייער שלאף־צימער אין דער „דאבעלבעט. צעווארפען רחבות'דיג — ברייט איבער דעם ווייכען און ווייסען בעטגעוואנט. ער ווארפט אויף גיך פון זיך אראפ די זאכען און ער לעגט זיך אין דעם זעלבען בעט, לעבען דעם פולען, ווארעמען קערפער פון זיין ווייב. די גלוסטונג, וואס איר קערפער רופט ביי אים ארויס אין אזא מינוט, איז היינט ביי אים ניט פאראן. א לאנגע צייט ליגט ער אזוי וואך, מיט די אויגען אפען אין דער פינסטערניש, און ער דערפיהלט זיך מיטאמאל מארנע עלענד און אליין.

## קאפיטעל 49

די זון האט א שיין־געטאן אויף דעם באי אייב גארדאן און אלע האבען אים דערזעהן. אפילו עלינאר האט אויך געעפענט די אויגען און זי האט דערזעהן אייבי'ן־גאר אין אן אנדער ליכט. נאר דאס איז געשעהן א סך שפעטער. דערוויל מוז מען דערצעהלען ווי אזוי דאס אלץ איז פארגעקומען.

אייב גארדאן איז געווען איינער פון יענע אמעריקאנער יונגע מענשען, סטודענטען מיט א קלארען געדאנק און א מוח נייגעריג צו פארשען. ער איז געווען פון דעם זעלבען סארט טרוימער, וואס מיט זייער וויזיע און ברייטען פארנעם האבען זיי אויפגעטאן פאר'ן לאנד גרויסע זאכען. זיי האבען געבויט ריזיגע געביידעס, וואס מיט זייער הייכקייט ציהען זיי זיך צו די הימלען. זיי האבען פארווארפען בריקען איבער וואסערען און טיפע טאלען. אייב'ס אינטערעס איז געווען אין וויסענשאפטען. ער האט ליב געהאט צו גרונטעווען זיך אין די סודות פון דער נאטור. וואס מער ער האט געפארשט, האט ער אלץ מער געזעהן וויפיל עס איז נאך פאראן צו וויסען. איין געביט פירט צום אנדערען. און עס איז אים דאס אלץ געווען פארכאפענדיג אינטערעסאנט.

(ווייטערעס מארגען)

# וואס די אמעריקאנער אין דייטשלאנד דענקען וועגען די דארטיגע אידען

(שלום פון פעידוש (2

שטארקען איינדרוק אויף די אנוועזענדע און מען האט געוואלט וויסען דעם נאמען פון'ם בחור'ל, וואס האט גענעבען דעם דאזיגען ענטפער. דער לערער האט צוגעגעבען, אז ער גופא האט צו אידען א באציהונג ווי צו אנדערע מענשען — ניט ער האט זיי ליב און ניט ער האט זיי פיינט. ער שעצט יעדען איינעם לויט זיינע פערזענליכע אייגענשאפטען. אבער ער האט זיך אנגעהערט לעצטענס אזוי פיל גרינגשעצענדע און אומפריינדליכע באמערקונגען וועגען אידען אין אלגעמיין, אז עס האט אים אנגעהויבען צו באאומרוהיגען. פריינט זיינע זיינען מיטגעשלעפט געווארען דורך דעם דאזיגען האס.

אז אמעריקאנער מאיאר האט דאן גענומען דאס ווארט. „גוט, לאמיר אננעמען, אז „די. פי.'ס" זיינען ניט באזונדערס פאראינטערעסירט אין דער דייטשער ווירטשאפט, אז עס ארט זיי ניט, אויב זיי וועלען איר שאדען. אבער מיר, אמעריקאנער, זיינען דאך פאראינטערעסירט איצט אין געזונטמאכען די דייטשע עקאנאמיע, מיר גיבען דאך אויס מיליאנען דאלארען אויף דעם צוועק. דעריבער זיינען מיר מחויב צו קעמפען געגען יעטווידען שווארץ־האנדעל און געגען יעדען איינעם, וואס באשעפטיגט זיך מיט דעם, אונאפהענגיג צי עס איז א איד, אן אמעריקאנער אדער א דייטש: יעדער איינער, וואס האנדעלט אין געגענזאץ צו אמעריקאנער אינטערעסען, מוז דורך אונז אט שטרענגסטען באקעמפט ווערען. דאס האט אבסאלוט ניט צו טאן מיט האס. איך וויים, אז די דייטשען האבען אונז ניט באזונדערס ליב; איך וויים, אז וואס פריינדליכער מיר זיינען צו זיי, אלץ שטארקער ווערט זייער גרינגשעצונג. אבער מיר האבען קיין ברירה ניט, ווייל עס לויערט אויף אונז די געפאר פון קאמוניזם. דאס איז א פאקט, וועלכען מיר קענען ניט ענדערן. פון דער צווייטער זייט, ווייס איך אויך, אז אידען — און צוליב גאנץ פארשטענדליכע סיבות — האבען ניט קיין באזונדערע סענטימענטען פאר דייטשלאנד. זעה איך אין דעם ווידער א קאנפליקט צווישען העכערע אמעריקאנער אינטערעסען און אידישע סענטימענטען, און מעגען די דאזיגע אידען זיין צומאל אמעריקאנער פון דור־דורות און ניט סתם „די. פי.'ס".

דער מאיאר האט פארטגעזעצט: „אט האבען מיר געלייענט אין היינטיגער „סטארס ענד סטרייפס" (די אמעריקאנער טעגליכע ארמיי־צייטונג אין דייטשלאנד), אז די אידישע קריגס ווועטעראנען אין ניו יארק האבען אפגעהאלטען א מאסענפארזאמלונג און זיינען ארויס מיט א פאדערונג, אז עס זאל דורכגעפירט ווערען א פולשטענדיגע רעוויזיע אין דער אמעריקאנער פאליטיק אין דייטשלאנד. עס הייסט דארט, אין דער רעזאלוציע, אז צוליב דער איצטיגער אמעריקאנער פאליטיק אין דייטשלאנד הויבט דער נאציזם ווידער אויף דעם קאפ א. אז. וו. איך וויים ניט, צי דער נאציזם ווערט באמת א שטארקע קראפט אין דייטשלאנד — מיר דוכט, אז עס איז איבערטריבען. אבער איך ווייס יא, אז עס איז אין אונזערע אינטערעסען צו געווינען די פריינדשאפט פון דייטשען פאלק, פון אלע דייטשען אהן אויסנאם, פאר'ן געמיינזאמען קאמף געגען דער קאמוניסטישער געפאר. דאס איז די לאגע און מיר האבען קיין אנדער ברירה ניט. מיר קענען ניט אויסשליסען קיין מיליאנען דייטשען צוליב דעם, ווייל זיי זיינען נאצים — דאס וואלט געהייסען אפשטופען די מערהייט פון דייטשען פאלק. און אויב מיר זאלען היינט ענדערן אונזער פאליטיק אין דייטשלאנד, וואלטען מיר מיט דעם געהאלפען דעם קאמוניזם. טא זעהען מיר ווידער א קאנפליקט צווישען אמעריקאנער אינטערעסען און אידישע סענטימענטען".

עס האט זיך אנטוויקעלט א וויכוח. אין וועלכען עס האבען אנטייל גענומען די מערהייט פון די אנוועזענדע. איינער האט פארגעשלאגען, אז צוליב דער אינטערנאציאנאלער לאגע, וואלט געווען ראטזאם, אז אידישע פירער, און קודם־כל די פירער פון אמעריקאנער אידענטום, זאלען לגבי דייטשלאנד „פארגעסען און פארגעסען". דאס מעג זיין שווער, אבער דאס וואלט געווען רעאליסטיש. און וואס שייך די אידען אין דייטשלאנד, וואלט געווען בעסער, אז דאס ביסעל פון זיי, וואס איז געבליבען, זאל אויסוואנדערן. דאס וואלט געווען געזינטער פאר אלע צדדים... אויב עס וועלען דא ניט זיין קיין אידען, וועט ממילא אפגעשוואכט ווערען דער אנטיסעמיטיזם, סאי צווישען די דייטשען און סאי צווישען געוויסע קרייזען פון די אמעריקאנער. עס וואלט אויך אפגעשוואכט דעם ווידעראויפגעלעבטען נאציזם.

עס זיינען נאך ארויסגעזאגט געווארען א רייהע אנדערע מיינונגען. דער לערער האט צוגעגעבען, אז די אנטי־אידישע פאראורטיילען צווישען אמעריקאנער סאלדאטען זיינען הויפטזעכליך א רעזולטאט פון איינפלוס פון די דייטשע פרויען. דאס איז שוין א באקאנטע און אנגענומענע מיינונג, אבער זי איז שטארק אפגעפרעגט געווארען דורך אייניגע פון די אנוועזענדע. עס האט געהייסען, אז דער אמעריקאנער סאלדאט באטראכט דאס רוב פון די דייטשע פרויען אלס פשוט'ע זונות און האבען ניט פאר זיי קיין איבעריג־געזונטען רעספעקט — ניט פאר זיי און ניט פאר זייערע מיינונגען. זייערע אנטי־אידישע פאראורטיילען נעמען זיך פשוט פון דעם, וואס דער „די. פי.", אידישער און ניט־אידישער, איז פארהאסט און פאראכטעט. א „די. פי." איז גאר קיין נפש ניט אין די איצטיגע טעג אין דייטשלאנד. אמאל איז ער געווען א יחסן, א פריווילעגירטער יחסן, אבער היינט איז ער אן אנשיקעניש, וואס פלאנטערט זיך צווישען די פיס, אין קנויל פון קאמפליצירטע, אינטערנאציאנאלע פראבלעמען...

עס וואלט גענומען צו־לאנג איבערצוגעבען אלע מיינונגען, וואס זיינען ארויסגעזאגט געווארען אויף יענעם צוזאמענקונפט. עס האט איינעם ווידער איבעראשט דער אינטערעס, וואס די אנוועזענדע האבען ארויסגעוויזען צו די דיסקוטירטע פראגען. און עס האט האט איינעם אויך אונהיימליך געשראקען דער פאקט, וואס איינינע פון די אנוועזענדע האבען פלוצים אין דייטשלאנד אנגעהויבען ארויסווייזען אזא אינטערעס צו אידישע פראגען — אן אינטערעס, וואס פליסט ארויס פון אייגענע כלומר'שט־אונאנגענעמע ערפארונגען און איינדרוקען...

מען קען ניט לייקענען, אז געוויסע אמעריקאנער האבען זיך דא אנגעשטעקט מיט פאראורטיילען געגען אידען — מיט פאראורטיילען לגבי „אידען אויף די מינכענער גאסען", אידישע „די. פי.'ס". מען קען ניט וויסען, צי זייערע פאראורטיילען וועלען זיך אייביג — אין דער צוקונפט — באגרעניצען בלויז אויף די אידען אין מינכען... אבער איבערטרייבען דארף מען אויך ניט. מען טאר ניט פאראלגעמיינערן. עס זיינען דא אזעלכע, וואס זיינען געקומען שוין פארטיגע אנטיסעמיטען פון אמעריקע, און עס זיינען אויך דא אזעלכע, וואס זיינען ערשט דא געווארען אנטיסעמיטען.

אבער אונזער צונויפקום איז באשטאנען, מיט א פאר אויסנאמען, פון מענשען וואס האבען אויפריכטיג און פריינדליך אויסגעדריקט א רייהע געדאנקען און פראבלעמען, וואס האבען זיך אנגעקליבען אין זייערע מוחות אין צוזאמענהאנג מיט דער אזוי־גערופענער אידען־פראגע, מיט דער פאליטישער און ווירטשאפטליכער ווירקליכקייט אין דייטשלאנד און מיט די אינטערעסען פון אמעריקע. א סך פון דעם קען אפגעפרעגט ווערען, א סך קען אוועקגעמאכט ווערען מיט דער האנט. עס איז נאך אויך א פראגע, צי דאס, וואס אנדערע פארשטעהען אלס „אמעריקאנער אינטערעסען", איז ווירקליך אין די גוטע אינטערעסען פון אמעריקע. די דיסקוסיע האט אבער באוויזען, אז די דאזיגע געדאנקען עקזיסטירען; זיי עקזיסטירען אין די מוחות ניט בלויז פון א קליינער צאל, נאר פון גרעסערער.

עס איז מעגליך, אז דאס, וואס איז דיסקוטירט געווארען דורך דער קליינער גרופע — דער אופן פון דיסקוטירען און די געדאנקען, וואס זיינען ארויסגעזאגט געווארען — וואלט אויך געווען כאראקטעריסטיש פאר גרופעס אמעריקאנער אין אנדערע ערטער און אנדערע שטעט אין דייטשלאנד.

# א מהיה'דיגער וועג צו פארלירן עקסטרא וואג

די פראבלעם פון זיין אביסעלע איבער דער וואג איז שטענדיג א זאך, וועלכע דארף קריגען אייער אויפמערקזאמקייט. אין די זומערטעג איז עקסטרא וואג דורכאויס א זאך, וועלכע דארף קארעגירט ווערען, ווייל עקסטרא וואס מאכט מענשען פיהלען ניט אזוי ווי עס באדארף צו זיין.

א גוטער, ממש מחיה'דיגער וועג צו פארלירען עקסטרא וואג, אויב מען איז אין אלגעמיין ביים גוטען געזונט, איז צו עסען די בארימטע ראי־קריספ וועיפערס אנשטאט ברויט. די דאזיגע מחיה'דיגע וועיפערס אנטהאלטען בלויז ארום 23 קאלאריס אין א דאבעלע־סקווער וועיפער. ראי קריספ קען גענעסען ווערען סיי מיט מילכיגע און סיי מיט פליישיגע מאלצייטען.

אויב איהר ווילט פארלירען אביסעלע וואג, דאן עסט ראי־קריספ. איהר וועט הנאה האבען פון דעם זעלטען גוטען טעם פון די דאזיגע געשמאקע וועיפערס און איהר וועט דערגרייכען אייער צוועק אהן קיין שום מיה. ראי־קריספ איז באמת דער מחיה'דיגער וועג צו פארלירען וואג. טוט ווי טויזענטער אנדערע טוען — עסט ראי־קריספ יעם זומער און איהר וועט זיין העכסט צופרידען פון די רעזולטאטען עס וועט אייך געבען. (*

# אַ לעבן פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

ער האָט אָנגעהויבען פון פיזיק און ביאָלאָגיע. דערנאָך איז ער אַריבער צו מעדיצין. און דאָ האָט ער זיך פאַר־אינטערעסירט אין בלוט־קראַנקהייטען און קאַנסער. יאָרען זיינען אַוועק און ער האָט געענדיגט מיט דעם טיטול דאָקטאָר. שפּעטער איז ער אַליין גע־וואָרען אַן „אינסטרוקטאָר" אין אַ קאַלעדזש און געלערנט מיט די סטו־דענטען מעדיצין. אין דער זעלבער צייט האָט ער פאָרטגעזעצט זיין „רי־סוירטש", די פאָרשונגס־אַרבייט פון די בלוט־קראַנקהייטען און קענסער, אין דער לאַבאָראַטאָריע פון אַ גרויסען האָספּיטאַל אונטער דער אויפזיכט פון אַ פּראָפעסאָר אויף דעם געביט. ער, אייב, איז געווען ביי אים זיין „אַסיס־טענט" (אַרויסהעלפער).

די, וואָס האָבען געקענט אייב'ס טאַטע־מאַמע, האָבען זיך געוואונ־דערט: „ווי קומט צו זיי אַזאַ זוהן?" אייב'ס עלטערן זיינען פון אַלע יאָרען געווען נאָר קליינע קרעמער אין איסט־בראָנקס. זיי האָבען שווער געאַרבייט און כסדר געווען פאַריאָכט אין זייער סטאָר. קיין מזל־ברכה איז אין זייער אַרבייט ניט געווען. זיי האָבען, ווייזט אויס, ניט געגוג זיך אויסגעטויגט צו דעם געשעפט און זיי האָבען ניט „גע־מאַכט גוט", ווי אַ סך אַנדערע קרע־מער. אייב'ס טאַטע, אַ הויכער, אַ דאַרער און אַ צעפּלעדיגער, האָט כסדר זיך געיאָגט און געיאָגט און געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, און זיין מאַ־מע, אַ צעפּאָרענע אידענע מיט אַ פּלענמאַטישען אויסזעהן, וואָס איז געגאַנגען זומער און ווינטער אין דעם זעלבען גראָבען סוועטער און אַ ברייטע פאַרטוך איבער די לענדען — האָט, ווייזט אויס, אויך ווייניג אויפ־געטאָן. זיי האָבען געהאַט אַ סך קינ־דער און געלעבט אין נויט.

אייב'ס טאַטע־מאַמע האָבען גאָר געוואָלט, אַז ער, זייער עלטסטער זוהן, זאָל זיי אַרויסהעלפען אין זייער אַר־בייט אין סטאָר. נאָר אייב אַליין איז פון דעם ניט געווען באַגייסטערט. ער האָט פון קינדוווייז־אָן גאָר ליב געהאַט דאָס לערנען און פאָרשען. ער האָט צונויפגעקליבען פליגעלעך און אַלערליי אינזעקטען, וועלכע ער האָט געהאַלטען אין גלעזערנע סלאָיקלעך, אַז ער זאָל זיי קענען באָאָבאַכטען, און די מאַמע זיינע פלעגט די סלאָיקלעך אַרויס־וואַרפען, ווען זי האָט גערוימט די שטוב.

קיינער האָט אייב'ן ניט ערמוטיגט צום לערנען, און קיינער האָט ביי אים ניט געפרעגט אויב ער האָט גע־מאַכט זיינע לעקציעס אָדער ניט. און אַז ער האָט פּראָגרעסירט אין זיין לערנען איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך פרעהען און זיין מיט דעם שטאָלץ. אייב האָט געוואוסט, אַז ער האָט זיך ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזען, און אַז ער איז אָנגעוויזען נאָר אויף זיך אַליין. ער איז געווען שטאַנדהאַפטיג אין זיין נאַטור; און ער האָט אַזוי ווי געהאַט איבער זיך אַ מ ו ז, אַז ער דאַרף צו עפּעס דערגרייכען.

אַז ער זאָל קענען אָנגעהן מיט דעם וועג, וואָס ער האָט פאַר זיך אויסגעקליבען, האָט ער אין זיין פרייער צייט געאַרבייט, אַז ער זאָל קענען צאָלען פאַר'ן קאָלעדזש. זיין ערפאָלג אין לערנען האָט אים געגעבען יעדעס מאָל פרישע כוחות. ער איז געווען יונג און פול מיט גלויבען, און ער האָט געפיהלט, אַז ער געהט אויפ'ן ריכטיגען וועג.

און אַזוי האָט אייב גאָרדאָן שוין איצט דערגרייכט גרויסע זאַכען. אין זיין פאָרשונגס־אַרבייט אויפ'ן מעדי־ציניש געביט האָט ער געקראָגען גרויס אָנזעהן, און אים אַליין איז גוט געווען צו פיהלען, אַז טוענדיג וויכטיגע „ריסוירטש"־אַרבייט וועט ער צוטראָגען זיין חלק צו ברענגען מיט דער צייט נוצען פאַר דער מענש־הייט.

אין יענער צייט האָט זיך אין אייב גאָרדאָן'ען פאַרליבט איינע אַ מיי־דעל. זי האָט געאַרבייט מיט אים אין לאַבאָראַטאָריע, געווען דאָרט אַ „באַקטעריאָלאָדזשיסט", און זיי האָ־בען זיך גוט געקענט. עליזאַבעט איז געווען איהר נאָמען. און שוין לאַנג האָט זי באַמערקט ווי ערנסט און איבערגעגעבען ער איז געווען צו זיין אַרבייט און ווי קיין אַנדער זאַך אינ־טערעסירט אים גאָרניט. זי האָט ביי זיך געטראַכט, אַז מיט זיין גאַנצען ערפאָלג איז ער אַן עלענטער מענש און פירט אַן איינזאַם לעבען. און עס האָט זיך ביי איהר דערוועקט אַ גע־טרייער, מאַמעשער געפיהל צו אים, ווי דאָס טרעפט מיט אַ סך פרויען אין אַזאַ פאַל, און ער האָט אָנגעהוי־בען איהר ווערען נאָהענט.

עליזאַבעט איז געווען אַביסעל על־טער פון אייב'ן אין יאָרען. זי איז געווען אַ הויכע און אַ דאַרע, מיט אַ לאַנגע טאַליע, און אָנגעטאָן איז זי געווען סאָליד, אַלעמאָל אין אַ טונ־קעלען קלייד און באַקוועמע שיך מיט נידעריגע קנאַפּעל. זי איז געווען זעהר פּינקטליך און געוויסענהאַפטיג אין איהר אַרבייט, אָבער, ווי עס ווייזט אויס, מיט אַ וואַרעם האַרץ, וואָס קען ליב האָבען. זי האָט באַמערקט ווי אייב איז אין אָנטאָן־זיך אַביסעל אָפּגעלאָזען און איינגאַנצען איז ער ניט־געשיקט און „קלאָמזע" ווען ער רעדט צו אַ פרוי. נאָר זי האָט גע־טראַכט, אַז מען קען אויסלערנען ווי ער נעמען אין די הענט און אויסמענשלען אים, און אַז גראָד אַזאַ איינער קען זיין אַ גוטער מאַן.

עליזאַבעט האָט געוואוינט אַליין פאַר זיך אין אַ קליינעם אַפּאַרטמענט און זי האָט געפירט אַ באַלעבאַטיש־קייט, און איהר איז איינגעפאַלען, אַז זי וועט אים גאָר איינלאַדען צו זיך פאַר אַ סאַפּער. זי ווייסט, אַז ער עסט כסדר אין רעסטאָראַן און אַ היימישער מאָלצייט איז ביי אים אַ נייעס. זי האָט געהאַט גענוג דרייסטקייט צו ווענדען זיך צו אים איינמאָל אין אַ טאָג, ווען די אַרבייט זייערע איז לאַבאָראַטאָריע איז שוין געווען גע־ענדיגט. זי איז צוגעגאַנגען צו אים און אַ פרעג־געטאָן:

— וואָס טוט איהר מאָרגען אין אָוונט, דאָקטאָר גאָרדאָן?

— וואָס איז, צוליב וואָס פרעגט איהר? — האָט אייב איהר אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— איך וויל אייך איינלאַדען אויף מאָרגען צו מיר אין שטוב — האָט זי אים געזאָגט. — מיר וועלען האָ־בען אַ היימישען סאַפּער. איך האָף, אַז איהר וועט מיר ניט אָפּזאָגען.

נו, האָט אייב זיך געשעמט איהר אָפּצוזאָגען. זיי האָבען זיך דאָך שוין אַזוי לאַנג געקענט, און ניט איינמאָל פלעגט ער מיט איהר שמועסען וועגען „ריסוירטש" אָנגעלעגענהייטען. עס איז אים נאָר געווען טשיקאַווע, אַז אַ פרוי זאָל זיך אין אים פאַראינטע־רעסירען, און ער איז געווען איבער־ראַשט.

קומענדיג צו עליזאַבעט'ן אין אַפּאַרטמענט האָט אייב געהאַלטען זיך אַביסעל לעפּיש, אומגעלומפּערט. ער האָט מעכאַניש געגעסען אַלץ, וואָס זי האָט פאַר אים אוועקגעשטעלט. נאָר עליזאַבעט האָט שוין געמאַכט, אַז ער זאָל זיך דאָ פיהלען היימיש און באַקוועם. נאָכ'ן עסען האָט זי מיט אים זיך אַוועקגעזעצט אין איהר קליינעם ליווינג־רום. זי האָט אַראָפּ־גענומען פון אַ קליין טישעלע אַן אַלבאָם מיט איהרע פאָטאָגראַפיעס און געוויזען אים ווי זי האָט אַמאָל אויסגעזעהן שעהן און רייצענדיג, און אַזוי־אַרום זיינען זיי געוואָרען מערער באַפריינדעט. ביים זעגענען זיך האָט עליזאַבעט אים געזאָגט מיט אַ פריינט־ליכער שטימע:

— איך קענט קומען צו מיר ווען נאָר איהר פיהלט, אַפילו אַהן אַן איינ־לאַדונג.

— אָלרייט, אַ דאַנק. — האָט גע־ענטפערט אייב.

אייב גאָרדאָן האָט גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט פון חתונה האָבען. ער האָט ניט געקענט קריגען עלינאָר'ן און קיין אַנדערע מיידלעך האָבען פאַר אים ניט עקזיסטירט. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז ער וועט פאַרבלייבען אַ „בעטשעלאָר", אַן אַלטער בחור. נאָר דערווייל האָט אים עליזאַבעט ניט אָפּגעלאָזען. ער איז עפּעס גאָר ניט־ווילענדיג געוואָרען אַן אָפטער גאַסט ביי איהר אין שטוב. ער פלעגט זיך אַריינכאַפּען אַהער אין אָוונט אויף אַ שעה אָדער צוויי, ווען ער האָט געהאַט צייט. אַז ער האָט זיך אַ שטיקעל צייט ניט געוויזען, האָט שוין עליזאַבעט אים דערנאָך גע־זאָגט:

— איהר ווייסט, איך האָב שוין געבענקט נאָך אייך. און איהר? — האָט זי באַלד געוואָלט וויסען.

— אַ, וועלל, — האָט איהר אייב אויף דעם געענטפערט.

(ווייטערעס מאָרגען)

## וואָס ישראל האָט דער־גרייכט און וואָס זי דאַרף נאָך צו דערגרייכען

(שלום פון עריטאַהיעל פּעידוש)

ישראל: מיט דער ענטוויקלונג פון פּאָרט און חיפה, מיט'ן אידישען ים־וועזען, מיט דער אַרבייט פאַר גוטע אידיש־אַראַבישע באַציהונגען, מיט דער ענטוויקלונג פון אידישען ספּאָרט. ער איז איינער פון די גרינדער פון דער אַרבייטער ליג, און וועלכער עס זיינען אָרגאַניזירט אַראַבישע אַרבייטער. אַ דאַנק זיינע באַמיהונגען אויף דעם דאָ־זיגען געביט איז חיפה געוואָרען אַ שטאָט פון אידיש־אַראַבישער פריינט־שאַפט, און בעת די אומרוהען אין די יאָרען 1936־1939, האָט דאָרט גע־הערשט פרידען. אין יאָר 1946, ווען די ענגלענדער האָבען דאָן געזוכט צו אַרעסטירען אַבאַ חושי'ן, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטען 130 טעג אין די הייזער פון זיינע אַראַבישע פריינט. זיין ראָלע אין דעם ישראל באַפרייאונגס קריג, הויפּטזעכליך אין דער ערעבע־רונג פון חיפה, געהערט היינט צו די לעגענדעס פון ישוב. דאָס אידישע חיפה האָט אַ דאַנק אים געגעבען די קלענסטע צאָל קרבנות ביי דער ערא־בערונג פון דער שטאָט, און אין די קאַמפּעניע איז ער אָפּגעקומען, פאַרהעלט־נישמעסיג, מיט אַ לייכטען שאָדען: ער האָט נאָר צובראָכען אַ פוס אויף זעקס שטיקער. דאָס איז געשעהן ווען אַן אַראַבער האָט זיך געצילט אים צו שיסען, איז ער דאָן אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ הויכען מויער.

אַבאַ חושי שטאַמט פון גאַליציע, וואו ער איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1898. אין ארץ ישראל איז ער זייט 1920. אין די ערשטע יאָרען פון זיין לעבען אין לאַנד איז ער געווען אַן איינפאַכער אַרבייטער, שפּעטער איז ער אָבער אַוועקגעשטעלט געוואָרען אין די ערשטע רייהען פון דער אַרביי־טער־באַוועגונג. היינט שטעהט ער אין די ערשטע רייהען פון ישוב.

אין אַמעריקע איז ער צום צווייטען מאָל. זיין באַזוך ביי אונז וועט איצט זיין זעהר אַ קורצער.

# ברוקלין—אַ שטאָט מיט אַלע מעלות

(שלום פון פּעידוש 2)

דער גייסטליכער פון דער דאָזיגער טשוירטש איז געווען דער וועלט־באַרימטער העגרי וואָרד ביטשער, גע־ווען אַ פּריאָדע — פון 1847 ביז 1861 — ווען די ברוקלינער פּלימוט טשוירטש איז געווען דער צענטער פון דער אַבאָליציאָניסט באַוועגונג אין אַמעריקע. די באַרימטסטע אַבאָלי־שאָניסטען פון לאַנד — וויליאַם לאָיד גערריסאָן, ווענדעל פיליפּס, דזשאָן גרינליף וויטיער און טשאַרלס סאָמ־נער — זיינען דאָרט אויפגעטראָטען. ווען טשאַרלס דיקענס האָט באַזוכט אַמעריקע אין 1867 — ס'איז געווען זיין צווייטער באַזוך אין אַמעריקע — האָט ער געהאַלטען אַ רעדע אין דער פּלימוט טשוירטש.

אין זיין צייט — פון 1847 ביז זיין טויט, אין 1887 — איז העגרי וואָרד ביטשער געווען דער באַרימטסטער גייסטליכער אין אַמעריקע, דער פייער־דיגסטער אָראַטאָר, דער מוטיגסטער קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון דער נעגערשער ראַסע. רעוו. ביטשער איז אויך געווען אַ קעמפער פאַר פרויען שטימרעכט. העריעט ביטשער סטאָו, פאַרפאַסערקע פון „אַנקעל טאָם'ס קע־בין", איז געווען אַ שוועסטער פון רעוו. העגרי וואָרד ביטשער. „אַנקעל טאָם'ס קעבין", וואָס איז ערשינען אין 1852, איז אַ קלאַסיקער פון דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס בוך, שילדערענדיג די טראַגעדיע פון אַ גרופּע נעגער־שקלאַפען אין דער סאַוט, האָט אויפ־געטרייסעלט אַמעריקע. מרס. סטאָו איז געוואָרען אַ וועלט־באַרימטהייט. ווען פּרעזידענט לינקאָלן, אין צייט פון בירגערקריג, האָט זיך צום ער־שטען מאָל באַקענט מיט דער פאַר־פאַסערקע פון „אַנקעל טאָם'ס קעבין", האָט ער זי אָנגערופען: „די פרוי וועל־כע האָט געפירט צו דער באַפרייאונג פון די נעגער־שקלאַפען אין אַמעריקע."

אויסערליך זעהט די פּלימוטה טשוירטש אויס ווי אַ טיפּישע ניו ענגלאַנד קאָנגרעגעישאָנעל טשוירטש — אַ גרויסע, געראַמע געביידע, אָהן שום באַפּוצונג. פאַראַן פּלאַץ פאַר אַרום דריטהאַלבען טויזענט מענשען אין דער טשוירטש. אין צייט פון בירגערקריג פלעגט כמעט יעדער „יוניאָן" רעגימענט, איידער ער איז אַוועק אין שלאַכט, אָפּשטאַטען אַ באַ־זוך אין פּלימוט טשוירטש.

יעדען סטודענט פון אַמעריקאַנער געשיכטע איז באַקאַנט „לינקאָלן'ס קופּער אינסטיטוט ספּיטש", וואָס ער האָט דאָרט געהאַלטען דעם 27טען פעברואַר, 1860 — און מ'קען זאָגען, אַז אַ דאַנק אָט־דער רעדע האָט לינ־קאָלן דערנאָך געקראָגען די רעפּובלי־קאַנישע נאָמינאַציע פאַר פּרעזידענט. נו, די רעדע האָט ער גאָר געוואָלט האַלטען אין פּלימוט טשוירטש, ברוק־לין. עפּעס האָט אָבער פּאַסירט, און אַנשטאָט צו האַלטען די רעדע אין רעוו. ביטשער'ס טשוירטש, האָט ער עס געהאַלטען אין קופּער יוניאָן אינ־סטיטוט. לינקאָלן האָט יענעם זונ־טאָג אַליין אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין דער באַרימטער ברוקלינער טשוירטש, און מיט גרויס אינטערעס זיך איינ־געהערט צו רעוו. ביטשער'ס „סוער־מאָן". אין צייט פון בירגערקריג — אין 1863 — האָט פּרעזידענט לינקאָלן געשיקט ביטשער'ן קיין ענג־לאַנד, וואו ער האָט געהאַלטען אַ גרוי־סע צאָל רעדעס אַפּעלירענדיג צום ענג־לישען פאָלק צו סימפּאַטיזירען מיט דער נאָרט און ניט מיט דער סאַוט. (אין די ענגלישע רעגירונגס־קרייזען פון יענער צייט, ווי באַוואוסט, האָט מען שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט דער „קאָנפעדערעסי".)

העגרי וואָרד ביטשער איז שוין לאַנג טויט. זיין נאָכפאָלגער — רעוו. ניועל דיוואַיט הילים — איז שוין אויך טויט זייט אַ פערטעל יאָרהונדערט. דער איצטיגער גייסטליכער — רעוו. פּאַיפּילד — איז ניט קיין וועלט־באַרימטהייט. אָבער די ברוקלינער פּלימוט טשוירטש, וואָס איז שוין איבער הונדערט יאָר אַלט, האָט נאָך אַלץ אַ נאַציאָנאַלען נאָמען, אויב ניט אַ וועלט־נאָמען. די טשוירטש איז אָפען אין די וואָכענטעג אויך, פון 9 ביז 5, און איז אימער פול מיט נייגעריגע באַזוכער, מענשען פון אַלע טיילען לאַנד. פון אַלע 635 ברוקלינער טשויר־טשעס, איז די פּלימוט טשוירטש בלי־ספק די באַרימטסטע. דער וואָס פאַר־אינטערעסירט זיך מיט ברוקלין, מעג ער זיין אַ איד אָדער אַ טערק, אַ בר־דיסט אָדער וואָס־ניט־איז, דאַרף באַטש איינמאָל אין לעבען אָנקוקען די „פּלימוט טשוירטש און דהי פּיל־גרימס".

דער באָראָ האָל דיסטריקט—פולטאָן סטריט און אומגעגענט, צווישען דזשאָנסאָן סטריט און ראַקוועל פּלעיס — פאָרדינט אויזאַי אייער אינטערעס. דאָס איז אַ צווייפאַכער צענטער. עס איז, ערשטענס, דער ביזנעס־צענטער פון שטאָט; און ס'איז, צווייטענס, דער רעגירונגס־צענטער פון ברוקלין באָראָ און קינגס קאַונטי. די איצ־טיגע פולטאָן סטריט האָט פריהער געהאַט צוויי אַנדערע נעמען. גאָר פאַרצייטענס האָט עס געהייסען „אָלד פערי ראָוד". אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע האָט עס געהייסען „קינגס האַי־וועי", און זינט 1804 הייסט עס „פולטאָן סטריט", אין אָנדענק פון ראָבערט פולטאָן, ערפינדער פון דער ערשטער דאַמפשיף. אין פאַרלויף פון 19טען יאָרהונדערט האָבען זיך אין אָט־דעם געגענט קאָנצענטרירט אַלע וויכטיגסטע געשעפטען, אַלע רע־גירונגס־געביידעס, אַלע אונטערהאַל־טונגס־פּלעצער. די ברוקלינער פול־טאָן סטריט קען צוגעגליכען ווערען צו, לאָמיר זאָגען, שיקאַגאָ'ס סטעיט סטריט, אָדער צו קליוולאַנד'ס יוקליד עוועניו — צו „מעין סטריט" פון 500 אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט, גרויסע און קליינע.

אין דער פּלאַזאַ, וואו ס'באַגעגענען זיך קאָורט, פולטאָן און דזשעראַלאַמאָן סטריטס, שטעהט די אימפּאָנירענדע געביידע „באָראָ האָל" — אַמאָליגע יאָרען האָט עס געהייסען „ברוקלין סיטי האָל". געגענאיבער דזשעראַלאַ־מאָן סטריט געפינט זיך די 14־שטאָ־קיגע מיוניסיפּאַל בילדינג, קינגס קאַונ־טי סופּרים קאָורט, און קינגס קאַונטי האָל אָוו רעקאָרדס. מיט צוויי בלאָק ווייטער — די פעדעראַלע בילדינג און די „ברוקלין איגעל" בילדינג. אויף סקערמערהאָרן סטריט — אויך צוויי בלאָק פון באָראָ האָל — געפינט זיך דער טשילדרענס קאָורט, דאָמעסטיק רילעישאָנס קאָורט, און סענטראַל קאָורטס בילדינג. אין די הערבייאיגע גאַסען געפינען זיך פאַרשידענע באַנ־קען און ריעל עסטעיט פירמעס. און אַביסעל ווייטער — פילע בילדונגס־אַנשטאַלטען: לאָנג איילענד יוניווער־סיטי, ברוקלין לאָ סקול, סעינט דזשאָנ'ס יוניווערסיטי, ברוקלין פּאָ־ליטעק, פּעקער קאָלידזשיעט.

פון סמיט סטריט ביז פלעטבוש עוועניו, אין פולטאָן סטריט דער „שאָ־פּינג סענטער" פון ברוקלין. דאָרט געפינט זיך אייבראַהעם ענד סטראַוס, נעמ'ס, לאָוזער'ס, ווי אויך ברוקלינער בראַנטשעס פון צוויי צענדליג באַרימ־טע ניו יאָרקער ריטעיל פירמעס.

ברוקלינ'ס אַמיוזמענט צענטער גע־פינט זיך אינ'ם געגענט וואו ס'קומען זיך צונויף פלעטבוש עוועניו, נעווינס סטריט און פולטאָן סטריט. דאָרט געפינט זיך ברוקלין סטרענד טעאַטער, ברוקלין פּאַראַמאַונט, לאָו'ס מעטראָ־פּאָליטען, פאָקס, אָרפעאום, און אַלבי.

די אַלטע באָראָ האָל — אַמאָליגע ברוקלין סיטי האָל — איז אַ בכבוד'יגע פיר־שטאָקיגע מאַרמאָרנע געביידע. דאָרט „שטעהט איין", אַזוי־צו־זאָגען, דער באָראָ־פּרעזידענט פון ברוקלין. די מערסטע אַדמיניסטראַטיווע אָפיסעס פון דער באָראָ רעגירונג געפינען זיך אין ברוקלין מיוניסיפּאַל בילדינג. דער ווינקעלשטיין פון באָראָ האָל איז גע־לעגט געוואָרען אין 1836, און די גע־ביידע (צוליב פינאַנציעלע סיבות) איז ערשט פאַרטיג געוואָרען אין 1849.

אין 1895 איז די געביידע איבערגע־בויט געוואָרען, מחמת אַ פייער האָט געהאַט פאַרניכטעט דעם גרעסטען טייל פון דער אַלטער געביידע.

די „ברוקלין איגעל" בילדינג גע־פינט זיך אויף דזשאָנסאָן און אַדאַמס סטריטס. די אַלטע „איגעל בילדינג", אויף וואַשינגטאָן און דזשאָנסאָן סטריטס, ווערט איצטער גענוצט אַלס אַן אָפיס־בילדינג. די „ברוקלין איגעל", אַ טעגליכע צייטונג, איז געגרינדעט געוואָרען אין 1841 פון אַ גרופּע דע־מאָקראַטען, אונטער דער רעדאַקציע פון העגרי סי. מוירפי, שפּעטערדיגער מעיאָר פון ברוקלין. אין 1846 האָט וואָלט וויטמאַן, ווי שוין פריהער באַמערקט, איבערגענומען די רעדאַק־ציע. ער האָט אַזוי העפטיג פאַרדאַמט נעגער־שקלאַפעריי, אַז די באַלעבאַטים פון דער צייטונג האָבען אים אין 1848 געגעבען די „סעק". עטליכע דורות נאָכאַנאַנד איז די „ברוקלין איגעל" געווען אַ צייטונג מיט אַ נאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע. מ'קען ניט זאָגען, אַז די איצטיגע „ברוקלין איגעל" שיט זיך אָן מיט געלט. אָדער אַז גאַנץ אַמעריקע הערט זיך־צו צו אירע עדי־טאָריעלע מיינונגען. און ס'איז אַלץ דערפאַר, ווי איהר האָט זיך שוין אַליין זיכער אָנגעשטויסען, וואָס ברוקלין האָט אויפגעהערט צו זיין „סיטי" און איז איצט בלויז אַ „באָראָ". און ווי זאָגט איהר: אויף דעם קלאַנג דער טאַקע דער נביא!

[illegible] — מאָרגען

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע ••• פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

דערווייל האט עליזאבעט זיך גענו־מען איבערפורעמען אייב׳ס געוואוינ־הייטען פון זיין אפגעלאזען; ווי, א שטייגער, ער זאל ניט א ווארף־טאן זיין מאנטעל ווען ער קומט, נאר אים אויפהענגען. זי האט אים געלערנט ווי שענער אויסצובינדען זיין שניפס, און נאך אזעלכע זאכען. און אנהויב איז אפילו אייב געווארען אין כעס: וואס איז דאס איר עסק! נאר שפע־טער האט ער שוין אליין, ווי אונטער איר ווירקונג, גענומען אין דער פרי א בערשטעל און אפגעפוצט די שיך, און דער אנצוג, וואס ער האט אנ־געטאן, איז שוין געווען גוט געפרעסט. עליזאבעט האט הנאה געהאט צו זעהן ווי ער לאזט זיך לערנען. זי האט גע־האט צו אים א סך געדולה, און אייב איז אין הארצען איר דאנקבאר געווען. אייב, דער געליטענער, ווער נאך האט זיך אזוי גענויטיגט אין א פריינט ווי ער?

איינמאל אין אן אווענט, אז אייב איז געזעסען ביי עליזאבעט׳ן אין שטוב, האט זי אים גענומען פונאנ־דערפרעגען אויב ער האט שוין אמאל געהאט אימיצען, א פריינט, א גע־ליבטע. אייב האט געשוויגען שטיל. געה דערציילט איר וואס מיט אים איז, אז אויף קיין אנדערע פרויען האט ער קיינמאל זיך ניט אומגע־קוקט, און אז עס איז פאראן נאר איין מיידעל אויף דער וועלט, עלינאר, און מיט איר...

זיין ליבשאפט צו עלינאר׳ן האט איצט אויפגעטויכט אין אים אויף דאס נייע, פונקט דעמאלט ווען ער איז געזעסען און פארבראכט מיט עליזאבעט׳ן. די בענקשאפט נאך איר איז געווען וועהטאגדיג. ער האט זיך אזוי ווי צונויפגעצויגען אין זיך. געווען צייטען ווען אים האט זיך גע־דאכט, אז ער האט דאס שוין דורכ־געקרענקט, ער האט זיך שוין באפרייט פון איר רייז. ער האט געהאט א טעות...

עליזאבעט האט זיך צו אים צוגע־זעצט נאהענט אויף דער קושעטקע. זי איז געווען א געוואגטער מענש. און זי האט אים א גלעט־געטאן פאר דער האנט.

— פון וואס טראכט איר איצט, דאקטאר גארדאן? — האט זי ארויס־גערעדט מיט מילדקייט אין איר שטימע.

אייב האט זיך א כאפ־געטאן ווי פון שלאף. ער האט א שמייכעל געטאן אין פארלעגענהייט. וואס האט ער איר געקענט זאגען?

— א. וועל... — האט ער זיך אפגערופען.

נאר שפעטער, ווען ער איז שוין געווען אין דער היים, האט ער זיך געכאפט, אז עס טויג ניט. זיי זיינען שוין צו־ווייט אוועק אין זייער פריינט־שאפט. עליזאבעט מוז אוודאי מיינען ווער ווייס וואס... ער דארף איר זא־גען, אז זיי זיינען ניט קיין פאר. זאל זי זיך אויסזוכען אימיצען אנ־דערש.

דאך האט אייב גארדאן נאך אנ־געהאלטען זיין פריינטשאפט מיט עליזאבעט׳ן. עס האט אים אויסגע־פעלט קוראזש דאס איר צו זאגען. עס איז געווען ווי ער וואלט שוין איר עפעס צוגעזאגט. פארפאלען, ער קען דאך ניט ציהען צוריק זיין ווארט.

עס האט זיך אזוי געמאכט וואס אייב האט אין איינעם פון יענע טעג זיך אויסגעקליבען צו פארען אין די בראנקס, צו זעהן זיך מיט זיין טאטע־מאמע. אין אמת׳ן האט ער גאר גע־האט אין זינען, אז אפשר וועט ער דארט עלינאר׳ן באגעגענען. זיינע על־טערען האבען דאך געוואוינט אין דער זעלביגער גאס וואס זי. אייב האט שוין פארגעסען, אז דעם לעצטען מאל ווען ער האט עלינאר׳ן געזעהן האבען זיי געהאט א קריג צווישען זיך וועגען סאני׳ן און ער איז אוועק פון איר דעמאלט מיט א כעס.

צו זעהן איצט עלינאר׳ן, האט זיך אייב׳ן אויסגערוכט, איז זעהר וויכ־טיג. טאמער וועט עפעס פאסירען צווישען אים און דעם מיידעל עליזא־בעט, מוז ער איר פריהער זעהן, כאטש נאך איינמאל אנקוקען די ליבע געשטאלט.

ווען אייב האט עליזאבעט׳ן דער־צעהלט, אז ער קלייבט זיך פארען אין די בראנקס צו זעהן זיין טאטע־מאמע, האט זי זיך אפגערופען, אז זי וויל אויך פארען מיט אים.

— צו וואס? — און אייב געווען שטארק ניט צופרידען. און ער האט גענומען איר אפרייד׳ן דערפון, נאר עליזאבעט האט געזאגט, אז זי וויל זיך באקענען מיט זיינע עלטערען.

— דו האסט דען עפעס געגען דעם? — האט זי ביי אים געפרעגט.

— ניין, — האט אייב שוין געמוזט זאגען. פארפאלען.

אין איינעם א שבת בייטאג זיינען זיי ביידע געפארען מיט דער סאבוועי אין די בראנקס, אייב און עליזאבעט.

---

דאס איז געווען אין איינעם א שבת נאכמיטאג און עלינאר האט היינט ניט געדארפט געהן אין סקול. זי איז געזעסען ביים פענסטער און ארויס־געקוקט צו דער גאס. בעלא, די מאמע אירע, איז איצט געווען אין איר סטאר „ראון־טאון" און זי וועט קומען ערשט שפעט אין אווענט. און עלינאר וועט צוגרייטען דעם סאפער פאר זיי ביי־דען. נאר דערווייל האט זי פאר זיך א סך שעה׳ן צו פארברענגען מיט זיך אליין. אן א־מעטיגע און א גלייכגיל־טיגע האט זי ארויסגעקוקט צו דער גאס. די מענשען, וואס זיינען דארט פארביינגעגאנגען, האבען געהאט א געמיטליכען אויסזעהן, ווי אין אזא טאג ווען מען דארף זיך ניט יאגען צו דער ארבייט.

פונקט דעמאלט איז אייב גארדאן פארבייגעגאנגען אינאיינעם מיט דעם מיידעל עליזאבעט. זיי זיינען געגאנ־גען פון סאבוועי־סטעישאן אויפ׳ן וועג צו אייב׳ס היים. עלינאר האט זיך א צאפעל־געטאן ווי פון שלאף, ווען זי האט אייב׳ן דערזעהן געהענדיג, און ניט אליין, נאר עפעס א מיידעל געהט ביי זיין זייט.

„אייב! וואס טוט ער איצט דא?" — זי האט געוואוסט, אז ער וואוינט גאר איצט „ראון־טאון". זי איז גע־ווארען אזוי איבערראשט, אז עס האט איר אזש אנגעהויבען קלאפען אין הארצען. שוין זעהר א לאנגע צייט ווי זי האט אים ניט געזעהן. נאר פון אנדערע האט זי געהערט, אז ער האט געענדיגט קאלעדזש מיט דעם טיטעל דאקטאר, און אז ער זעצט־פארט זיין „ריסוירטש"־ארבייט. נאר פאר איר האט ער זיך מעהר ניט געוויזען זינט זיי האבען געהאט דעם לעצטען איבעררייד וועגען סאני׳ן. אייב איז אויף איר אין כעס. זי האט אין אים פארלוירען א נאהענטען פריינט. ער האט איר אויסגעפעהלט, ס׳איז צוגע־קומען נאך איין טרויעריגער פונקט אין איר איצטיגען לעבען, און זי האט זיך געמיהט ניט צו טראכטען פון דעם. אבער איצט, אז זי האט אים אזוי פלוצלונג דערזעהן, איז זי געווארען שטארק אויפגערודערט. און ער איז ניט אליין, נאר מיט א מיי־דעל, אייב. ווער איז זי? א גע־ליבטע זיינע? א כלה אפשר. און אויפגערעגטע איז עלינאר אוועק פון פענסטער.

זי האט גענומען וואנדערען פון איין צימער אין אנדערען. אייב מיט א מיידעל. עלינאר האט דער מיי־דעל׳ס פנים גוט ניט געזעהן, אבער זי האט געהאט א געפיהל, אז זיי זיינען זיך נאהענט. זי איז געוויס זיין כלה, אט־די מיידעל. פארוואס ארט דאס איר אזוי? עלינאר האט מיטאמאל דערפיהלט, אז זי האט פארלוירען אין אייב׳ן אזוינס, וואס מען קען שוין ניט כאפען צוריק. זיין נאמען איז ביי איר אלעמאל געווען פארבונדען מיט היימישקייט, מיט ווארימער פריינטשאפט, מיט פאר־שטענדעניש אויף פארגעבונג, און זי אליין האט אזויפיל מאל געהאנדעלט שלעכט אנטקעגען אים. זי איז געווען צו־עגאאיסטיש, — האט זי זיך איצט פארגעווארפען — און זי האט אים אפילו א סך מאל באליידיגט, זי איז געווען אזוי זיכער מיט אים.

שוין לאנג אז עלינאר האט ניט דורכגעלעבט אזעלכע מינוטען פון אויפרעגונג. זי האט די אלע טעג גע־בענקט נאך אים. זי האט גאר זיך ניט געוואלט אליין מודה זיין אין דעם. זי איז געווען זיכער, אז אייב האט איר נאך ליב. פון וואנען די זיכער־קייט? אזא באי ווי אייב בייט זיך ניט. זי איז צוגעגאנגען צוריק צום פענסטער. זי האט אנגעשטרענגט גע־קוקט צו דער גאס, טאמער וועט זי אים זעהן געהן צוריק. איצט האט אייב געקראגען אן אנדער מיידעל. עס איז פאר איר קלאר געווארען וואס זי האט פארלוירען. „אפשר איז נאך ניט צו שפעט," איז איר מיטאמאל איינגעפאלען.

זי מוז אים זעהן. זי וועט צולויפען צו זיין טאטע־מאמע אין סטאר. ער איז דארט איצט געוויס פאראן. ווי וועט עס אויסזעהן איר קומען אהין? נאר עס האט איר איצט פאר דעם ניט געארט. זי וועט געהן עפעס קויפען אין סטאר. דאס איז א גוטער תירוץ. אין פאל זי וועט דארט אייבי׳ן בא־געגענען.

(ווייטערעס מארגען)

# פון פאלק צום פאלק

(שלום פון בינטעל־בריף פעידוש)

האב נאטירליך פון אים די גאנצע צייט ניט געהערט, אויסער א פאר מאל מיט פיל יארען צוריק. ווען דער „פאר־ווערטס" האט געמאלדען, אז יוסף טשערניכאוו איז איינער פון די גרעס־טע אדוואקאטען אין פוילען, און האט דאן טאקע אויך געדרוקט זיין בילד. זיין הדרת־פנים שטעהט מיר פאר די אויגען. ער איז געווען א ריינער מענש און האט אויסגעקוקט ווי א הייליגער. און אים האבען עס סטאלינ׳ס רוצחים, די „ען־קא־ווע־דע"־בעסטיעס, ערמאר־דעט.

ערע זיין אנדענק! לאמיר האפען, אז די אויסוואורפען אונטער דער מאס־קע פון קאמוניזם וועלען אמאל טייער באצאלען פאר די אלע פארברעכענס זייערע. עס טוט מיר לייד, וואס איך קען זיך ניט אונטערשרייבען מיט מיין אמת׳ן נאמען, ווייל א פאר מענשען פון מיין פאמיליע געפינען זיך אין דעם „גן־עדן־לאנד".

וועל איך זיך אונטערשרייבען,
א האלב־פינסקער.

## מען קען שיקען פעקלעך קיין סאוועט רוסלאנד

ווערטער רעדאקטאר!

ערלויבט מיר צו קארעגירען אייער ענטפער, וואס איר האט געגעבן צו א פליט אין „בינטעל בריף". ווען ער האט זיך ביי אייך אנגעפרעגט צי מען קען שיקען א פעקעל צו זיין פאטער, וועלכער געפינט זיך אין סאוועטען־פארבאנד, קריעה ובליעה, און וואוהין זאל ער זיך ווענדען? איר האט גע־ענטפערט, אז מען גיט דארט ניט אפ די פעקלעך וואס מען שיקט פון דא־נען צו די קרובים. דער שרייבער פון דעם ענטפער אין „בינטעל בריף" איז שלעכט אינפארמירט. הונדערטער טוי־זענטער קרובים און לאנדסלייט שיקען פעקלעך, און באצאלען דא אין די אגענטורען דעם נויטיגען אפצאל; די דיוטיס, און די פעקלעך קומען־אן פינקטליך צום אדרעסירטען פערזאן. איך, אזוי ווי טויזענטער אנדערע, קען דאס אייך איבערצייגען מיט א רייהע פאקטען, שטיצענדיג זיך אויף ניט־צענזורירטע בריף און קבלות.

אונזער לאנדסמאנשאפט איז א קליי־נע, און ווי פילע אנדערע לאנדסמאנ־שאפטען האבען זיי געשיקט, און שי־קען הונדערטער פעקלעך צו קרובים, און צו דער שארית־הפליטה קיין סא־וועט־רוסלאנד, און מיר האבען פעסט־געשטעלט, אז דער סאוועטען־פארבאנד איז פינקטליך מיט׳ן צושטעלען דאס געשיקטע אפגעצאלטע פעקל צום ריכ־טיגען אדרעסירטען פערזאן, וואס מוז זיך דארט אידענטיפיצירען מיט א פאס און מעטריקע. איך קען אייך אנצייגען

# דארפען אידישע סטארס זיין אפען ביז שפעט אין דער נאכט?

(שלום פון עדיטאריעל פעידוש)

זיך. מיט אנדערע ווערטער מיינט עס, אז דער גראסערימאן וואלט געקראגען דיזעלבע לייזונג דורכ׳ן טאג ווען ער וואלט געשלאסען די סטאר אין אווענט. די ווייבער וואלטען אין פאר־לויף פון טאג איינגעהאנדעלט וואס זיי דארפען. אבער אזוי ווי עס איז צום האנט, מאכט זיי ניט אויס ווען זיי וועלען זיך ווייזען אין סטאר. אליי־איינס וועט די גראסערי זיין אפען.

וואס איז שייך דער קאנקורענץ פון די טשעין־סטארס, עקזיסטירט זי ביי־נאכט ווי בייטאג. די וואס קוואפען זיך אויף די פאר סענט וואס זיי וועלען מעגליך איינשפארען אין דער טשעין־סטאר, וועלען דאס האבען אין זינען אין אווענט ווי בייטאג. און מער ווי יענע שפייזען וואס דער אי־דישער גראסערימאן וועט זיי צושטע־לען וועלען זיי אלץ־איינס ניט קויפען. צוליב די פאר קלייניגקייטען וואס אזעלכע וועלען פארפעהלען צו קויפען אין דער טשעין־סטאר און וואס זיי וועלען זיך דערמאנען צו קויפען ביי דעם אידישען סטארקיפער לוינט זיך ניט, דוכט זיך, צו האלטען די סטאר אפען ביינאכט.

האט אבער מיין אידישער גראסע־רימאן נאך א טענה: אויב ער וועט ניט האלטען די סטאר אפען ביז שפעט אין דער נאכט וועלען זיינע קאנקור־רענטען אין די נעקסטע פאר בלאק דאס טאן, און זיי וועלען אויסכאפען אלע קאסטומערס.

דאס, ווידער, איז אן אמת׳ער פאר־דרוס. עס איז א פארדרוס, האלט איך, ווייל עס ווייזט, אז מיר געהען צוריק־וועגס, צום ערגערען, אנשטאט פאר־ווערטס, צום בעסערן. פאר דער מלחמה איז טאקע געווען שלעכט וואס איז שייך ארבייטס־שטונדען אין א סטאר, אבער אין פארלויף פון די מלחמה־יארען, און די פראספעריטי־יארען נאך דער מלחמה, האבען זיך אידישע ביז־נעסלייט אויסגעלערנט צו לעבען, אזוי צו זאגען, ווי מענשען. ניט נאר גראסערי סטארס, נאר אויך פארשיי־דענע אנדערע ביזנעסען און סטארס האבען זיך גענומען פארמאכען אין א לייטישער שטונדע אום צו געבען אי די אייגענטימער, אי די אנגעשטעלטע, א געלעגענהייט אפצורוהען זיך און צו פירען א נארמאלען לעבען. קליינינג סטארס, רעסטאראנען און אפילו אל־געמיינע סטארס האבען אויך גענומען פארמאכען זיך אום זומער אויף א פאר וואכען וואקעישאן. וואס איז שייך אווענטען, האבען זיך כמעט אלע ביזנעסען, מיט דער אויסנאם פון דעלי־קאטעסען, קענדי און דראג סטארס, פארמאכט אין אווענט. אויך די דראג־גיסטען האבען זיך אויסגעלערנט צו האלטען זייערע סטארס געשלאסען אום זונטאג. זיי האבען געלאזען בלויז איינע אין א גרויסען געגענט אפען און די אנדערע האבען געהאט א פולען רוה־טאג.

דאס איז געווען אין די פראספע־ריטי־צייטען, ווען דער קאסטימער האט געדארפט אנקומען צום סטאר־קיפער און מען האט דעם קאסטימער געטאן א טובה אויב מען האט אים עטוואס פארקויפט.

איצט איז די קאנקורענץ פארשארפט געווארען. איצט איז מען גערן אויב א קאסטימער קומט אריין אין א סטאר. פונ׳ם קאסטימער׳ס שטאנד־פונקט, פון מיין פערזענליכען שטאנד־פונקט, הייסט עס, אז עס איז באקוועם וואס מען קען ארונטערלויפען אין סטאר צו יעדער צייט און איינקויפען וואס עס פעהלט אין הויז. דאך, זאג איך, פארדריסט מיך. עס טוט מיר באנג פאר מיין גראסערימאן און די אלע אנדערע אידישע סטארקיפערס, וועלכע דארפען ארבייטען אזוי שווער און אזעלכע לאנגע שטונדען פאר זיי־ער ביסעל לייזונג. עס פארדריסט מיך, אזוי ווי עס וואלט מיר פארדראסען ווען מען וואלט געצוואונגען מיין מאן אדער אנדערע אידישע ארבייטער, אז זיי זאלען דארפען הארעווען אין שאפ לאנגע שטונדען אזוי ווי אמאל אין די פארשאלטענע סוועטשאפ־צייטען.

ניין, טראץ דעם וואס מיר פערזענ־ליך איז עס באקוועם, טויג עס ניט וואס די אידישע סטארס, הייפטזעכ־ליך די שפייז־סטארס, נעמען ווידער זיין אפען ביז שפעט אין דער נאכט. עס טויג ניט, ווייל עס לאזט אונזערע קליינע ביזנעסלייט ניט פירען א נאר־מאלען לעבען. עס טויג ניט, פונקט ווי עס וואלט ניט געטויגט פאר ארביי־טער, אז זיי זאלען דארפען שקלאפען 60 אדער 70 שטונדען א וואך.

## מען קען מאכען סטראבערי־שארטקעיק מיט ארנאלד ברויט

דער כעזאן פון סטראבעריס איז איצט אין פולען שוואונג. די ראזינע ליבע זומער פרוכ־טען זיינען די ליבלינגען אין אידישע הייזער. א גוטער וועג ווי אזוי צו מאכען א מחיה־דיגען דיזוירט, איז מיין סטראבערי שארט־קעיק, פון וועלכען אלע וועלען ממש לעקען די פינגער, אין צו נעברויכען ארנאלד ברויט אויף דעם פאלגענדען אופן:

מישט צוזאמען א קווארט סטראבערים מיט ½ קאפע צוקער. שלאגט אויף ¾ קאפעס גע־דיכטען קרים. שניידט ארום 12 שטיקלעך ארנאלד פיינע ווייסע ברויט. שמירט אן די ברויט מיט פוטער. לעגט צוזאמען דריי שטיק־לעך ברויט מיט דער פוטער ארויס אויף 4 דיזוירט טעלער. לעגט אריין דעם סטראבערי־געמיש צווישען די ברויט־שטיקלעך. באדעקט עס מיט וואיפט קרים און לעגט ארויף א גאנ־צע סטראבערי אויבענאויף פון יעדער פאר־ציע. שטעלט אריין אין רעפרידזשערייטאר אפצוקיהלען. סערווירט עס אלס דיזוירט און זעהט ווי דער עולם וועט זיך דערלקים קווי־קען.

ארנאלד ברויט ווערט געמאכט פון די פיינ־סטע באשטאנדטיילען. לויטערע טיש־פוטער און קובאנער ביהנען־האניג ווערען אין דעם ארנאלד ברויט גענוצט. קיין פעטס פון בעלי חיים קומט אין דעם ברויט ניט אריין. אר־נאלד ברויט איז אזוי פיין, אזוי געשמאק, אזוי בא׳טעמ׳ט, אז צי איהר מאכט עס אלס א טייל פון א קעיק, אלס טאוסט, אדער סתם אזוי בא׳טעמ׳ט, אז צי איהר מאכט עס אלס עס ארויסרופען די בעסטע קאמפלימענטען פאר אייך.

ווען איהר קויפט ברויט, זייט זיכער צו זאגען „גיט מיר ארנאלד ברויט" — איידער איהר זאגט ברויט!

# אַ לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע — פון מרים יאסקין

(פארטזעצונג)

די וואס האבען עלינאר'ן געקענט, וואלטען זיך אויף איר געוואונדערט, אז זי זאל גאר זיין די וואס זוכט וועגען ווי אזוי צו באגעגענען אייבי'ן. זי איז דאך ניט געווען ווי א סך אנדערע מיידלעך, וואס באנוצען אלערליי וועגען ווי צו קריגען א באי. נאר הפעם א שטארקער אינסטינקט האט איר אונטערגעזאגט, אז זי טאר אייבי'ן איצט ניט פארלירען און אז ער איז עס דער, וועמען זי קען מיט אן אמת ליב האבען. דער זעלבער אינסטינקט האט איר ווי אונטערגעטריבען, אז זי זאל האנדלען שנעל און ניט דורכלאזען די מינוט. זי האט אויף גיך ארויפגעכאפט איר מאנטעל און זיך ארויסגעלאזען אין גאס.

ס'איז שוין פארנאכט. אין סטאר האבען זיך דעמאלט געפונען עטליכע קאסטאמערס. אייב איז דארט ניט געווען. „ער מוז אוודאי זיין אויבען אין זייער דירה צוזאמען מיט דער מיידעל," האט עלינאר א קלער געטאן. זי האט ניט געוואלט גארניט פרעגען ביי אייבי'ס מאמען. זי האט זיך נאר גוט איינגעקוקט אין זיין מאמע'ס אויסזעהן. „אויף איר פנים איז גאר ניט קענטיג, אז עפעס נייעס האט פאסירט מיט איר זוהן," האט עלינאר זיך אליין בארוהיגט, און זי איז געלאפען צוריק אהיים מיט איר איינגעקויפטען פעקעל.

שפעטער א ווייליע איז עלינאר ווידער אוועק אין סטאר עפעס קויפען.

— איך האב פארגעסען צו קויפען נאך א פאר זאכען, — האט זי ווי פארענטפערט זיך פאר דער מרס. גארדאן, אייבי'ס מאמע.

זי האט איר געוואלט דערצעהלען, ווי זי אליין איז איצט די באלעבאסטע אין שטוב, ווייל איר מאמע... אבער מיסעס גארדאן האט ווייניג געהערט וואס עלינאר וויל איר דערצעהלען. אנדערע קאסטאמערס האבען שוין געווארט און זי האט איר נאך געגעבען די נויטיגע ארטיקלען וואס עלינאר האט פארלאנגט.

נאך א דריטען מאל איז עלינאר געקומען אין סטאר. זי האט זיך שוין אפילו געשעהמט. קיינמאל האט זי ניט איינגעקויפט אזויפיל עסענווארג און אנדערע ארטיקלען פאר זייער באלעבאטישקייט. און אייבי'ן האט זי דא נאך אלץ ניט באגעגענט.

אייב פון זיין זייט האט אויך עלינאר'ן ארומגעזוכט אין דער זעלבער צייט. נאר זיי האבען זיך בסדר אויסגעמידען. זיין גאנצער קומען אהער אין די בראנקס איז דאך געווען מיט דעם געדאנק, אז ער זאל עלינאר'ן באגעגענען כאטש נאך איין מאל. דאס מיידעל עליזאבעט האט אים געשטערט. זי איז פון אים ניט אפגעטראטען. עליזאבעט האט אים געבעטען, ער זאל איר באקענען מיט זיינע עלטערן, איז אייב מיט איר אריין אין סטאר און דארט זיינען גראד דעמאלט געווען א סך קאסטאמערס. ער האט נאר אויסגעפיעט ארויסצורעדען מיט זיין מאמען א פאר ווערטער און עליזאבעט'ן האט ער ניט געקענט פארשטעלען פאר זיין טאטע־מאמע איצט, אין מיטען־דערינען.

— מיר זיינען געקומען ניט אין קיין גוטער צייט, — האט ער איר געזאגט, און ער האט איר גענומען צוריידען, אז זי זאל פארען צוריק אהיים.

— נו, און דו? — האט עליזאבעט זיך געוואונדערט. — דו וועסט ניט פארען מיט מיר?

— איך וועל דא אפשר פארבלייבען נעכטיגען, — האט ער איר געזאגט א תירוץ. — איך דארף דא עפעס געפינען אין מיינע פאפירען אויבען, ביי מיר אין שטוב.

האט עליזאבעט שוין קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי נאר צו פארען אהיים. אייב האט איר צוגעפירט צום סאבוועי סטעישאן און ער האט איר צוגעזאגט, אז מארגען, זונטאג אוונט, וועט ער ביי איר זיין.

„איך מוז איר היינט זעהן, עלינאר'ן," האט אייב ביי זיך געטראכט געהענדיג צוריק פון סאבוועי. פארוואס היינט? ווייל עליזאבעט האט גענומען צופיל צושטעהן צו אים מיט איר גוטסקייט. ער וועט אפשר דארפען זיך פארבינדען מיט איר אויפ'ן גאנצען לעבען. חתונה האבען אפשר? ער מוז נאך איין מאל זעהן עלינאר'ן, אײדער דאס וועט געשעהן. ער איז פארבייגעגאנגען איר הויז שוין עטליכע מאל, ארויפגעקוקט צו די פענסטער פון איר וואוינונג. ער האט זיך דערווייל נאך אפגעהאלטען פון אנקלינגען ביי איר אין שטוב.

ערשט שפעט אין אוונט, ווען עלינאר איז ארוים פון סטאר מיט די לעצטע איינגעקויפטע פעקלעך, האט זי זיך אויף אייבי'ן אנגעשטויסען. ער איז אריין אין סטאר און זי איז ארוים. אויפ'ן שוועל איז זייער באגעגעניש פארגעקומען.

— אייב! — האט עלינאר געגעבען א געשריי ארוים.

עלינאר, יו קומסטו אהער? — איז אייב געבליבען שטעהן אנטקעגען איר צעטומעלט.

— זעהסט דאך, כ'האב איינגעקויפט פעקלעך עסענווארג, — האט זי נערוועז א לאך געטאן.

א ווייליע זיינען זיי אזוי געשטאנען. זיי האבען גערעדט געכאפטערהייט און אלע ווייליע זיך איבערגעשלאגען איינע די אנדערע. ביידע פארטומעלט פון דער באגעגעניש. אייב האט ארויסגענומען די פעקלעך פון עלינאר'ס הענט און זיי זיינען ביידע אוועק מיט דער גאס צו איר אהיים.

— איך האב געוואוסט, אז דו ביסט דא אין די בראנקס, — האט אים עלינאר געזאגט.

— דו האסט געוואוסט? ווי אזוי?

— איך האב דיך געזעהן דורכ'ן פענסטער געהענדיג.

— אה! — האט אייב געזאגט.

ער האט ניט דערמאנט עליזאבעט'ן און עלינאר האט ביי אים וועגען איר ניט געפרעגט.

און אט זיינען זיי שוין געבליבען שטעהן לעבען איר שטוב. זיי האבען געקוקט איינע אויף די אנדערע און געשמייכעלט. ביידע האבען אין דער מינוט פארגעסען, אז עס איז ווען־עס־איז ביי זיי געווען אן איבעררייס צווישען זיך.

— ווי לאנג אז מיר האבען זיך שוין ניט געזעהן?

— שוין העכער צוויי יאר וועט זיין.

עלינאר האט אים אנגעקוקט. אייב'ס פנים איז שוין ניט געווען אזוי דאר ווי אמאל, נאר אויסגעפילט. ער האט אויסגעזעהן מער אויפגעראמט און אנגעטאן נעט און איינגאנצען האט ער אויסגעזעהן ענערגיש, געזונט, מענעריש.

— דו קוקסט אויס גוט, אייב.

— און דו ביסט אלץ די זעלבע, עלינאר.

עס איז געווען ליבשאפט, אנטציקונג אין זיין בליק. דער זעלבער אייב.

— ווער איז די מיידעל וואס דו ביסט מיט איר געגאנגען? — האט עלינאר געמוזט ביי אים פרעגען. — איך קען דיר שוין צואווינטשעווען?

— א, ניין! — האט אייב זיך א כאפ געטאן. — זי איז נאר אזוי, א באקאנטע.

עלינאר האט אין דער טונקעלקייט פון דער גאס ניט געזעהן ווי אייב איז רויט געווארען.

— דו פארסט נאך היינט אוועק צוריק? — האט עלינאר געוואלט וויסען.

— איך וועל אפשר דא נעכטיגען.

— האט איר אייב געזאגט.

אט דער „טראנק" צו נעכטיגען דא אין די בראנקס איז אים ערשט איצט איינגעפאלען.

— איך האב א סך געטראכט פון דיר, אייב, — האט אים עלינאר געזאגט.

— דו? דו האסט פון מיר געטראכט?

אין דער מינוט איז דער באי סאני ווי א שאטען אים געקומען אויפ'ן זינען און ער האט זיך אנגעכמורעט. נאר באלד האט ער געזעהן ווי עלינאר איז גארניט די זעלבע וואס אלעמאל; זי איז אן אנדערע. עפעס האט זיך אים ניט געגלויבט די גאנצע זאך, אז ער שטעהט איצט דא מיט איר אזוי. ער האט אנגענומען איר האנט און ווי אויף צו געזעגענען זיך מיט איר. נאר ביידע האבען זיך נאך ניט געוואלט צושיידען.

— דו ווייסט וואס, אייב? קום מארגען צו אונז אויף מיטאג, — האט זי אים געזאגט — איך בין דאך היינט די גאנצע באלעבאסטע אין שטוב. מיין מאמע איז אין איר סטאר.

— א, — האט אייב געזאגט ווי אין חלום.

— און וועסטו קומען צו אונז מארגען אויף מיטאג?

— איך ווייס ניט; איך וועל זעהן.

— ניין, קום אויף זיכער.

— נו, גוט. אז דו ווילסט...

— דו זאגסט צו? דו וועסט האלטען ווארט, אייב?

— איך האב דיך שוין אמאל אפגענארט? — האט אייב איר ארייגעקוקט אין די אויגען.

איצט האט ער שוין געמוזט געהן. עס איז געווען צופיל פאר אים אזא באגעגעניש מיט עלינאר'ן, זיין איינציגע, זיין געליבטע. ער האט אויף גיך זיך אפגעזעגענט מיט איר. עלינאר האט אויפגעהויבען די פעקלעך, וואס אייב האט איבערגעלאזען ביים טיר, און זי איז מיט זיי האסטיג ארויפגעלאפען די טרעפ צו איר היים.

(ווייטערעס מארגען)

# די גראָבע מויד

(שלום פין פעידוש 2)

— וואס איז מיט דיר? — טוט ער א פרעג דערשראקען.

זי ענטפערט ניט. זי וויינט נאך מיט ביטערע טרערען.

דאס איז געווען א שרעקליכע נאכט.

און דעם צווייטען פרימארגען האט זי, ווי א שפיאן, געהיט יעדען טריט זיינעם, נאכגעשפירט יעדע מינדסטע באוועגונג. אט, אט באלד וועט ער צוגעהן צום פענסטער...

— וואס איז מיט דיר געווען ביינאכט? — טוט ער א פרעג, גלייך ווי ניט אים מיינט מען.

— גארנישט! — שנייט זי אפ טרוקען.

פארווירט און צערודערט, ניט וויסענדיג וואס דאס זאל באדייטען, קוקט ער א ווייליע אויף איר מיט רחמנות'דיגע אויגען. דערנאך בויגט ער זיך צו צו איר אויער:

— קעצעלע, אפשר ביזטו...

זי רייסט זיך ארוים פון אים און אנטלויפט, כדי זי זאל זיך ניט צעוויינען.

זי הערט ווי די טיר האט א קלאפ געטאן, ווי דאס קינד רופט זי, זי רירט זיך אבער ניט.

ווי א צוגעשמידטע שטעהט זי אין מיטען צימער און פיהלט, פיהלט מיט איר גאנצען וועזען, ווי זיי, די גראבע מויד און איר מאן, טרעפען זיך איצט צוזאמען אויף דעם סטעישאן; ווי זי, די מויד, קוקט אויף אים מיט אירע קעלבערנע אויגען, און שמייכעלט מיט אירע ווייסע, גלייכע ציין... אט איצט איז איר אלץ קלאר! ער מאכט זיך, אז ער ווייסט כלומרשט ניט פארוואס זי האט געוויינט ביינאכט, פונקט אזוי ווי ער האט זיך געמאכט אין די מאוויס, אז ער האט כלומר'שט ניט געהערט וואס זי האט געזאגט...

מיט א קרעכץ זעצט זי זיך אוועק אויף א שטול, נעמט זיך אן מיט ביידע הענט פאר'ן קאפ און שאקלט זיך אויף אלע זייטען, ווי פון א שטארקען צאן־ווייטאג.

עס איבערלט זי. זי איז ניט אימשטאנד אנצוטאן דאס קינד, ניט אימשטאנד צו פארנעמען זיך מיט דער ווירטשאפט, ניט אימשטאנד צו זעהן די ווענט פון איר וואוינונג. אט די מויד, די גראבע קוה, האט ביי איר אוועקגערויבט אלץ וואס זי האט פארמאגט! אה! זי וואלט זי פשוט צעקוועטשט ווי א מיאוס'ן ווארעם! מיט אירע איינגענע הענט וואלט זי זי דערהרג'עט! זי וואלט זי צעריסען ווי א הערינג! או־או־או!... עס וואלט זיך איר ברעכען, רייסען, בייסען, שלאגען אימיצען...

שפרינגט זי אויף מיט האסט און הויבט אן קלאפען מיט אירע פויסטען די ווייסע קאלטע ווענט...

אט דא, ביים פענסטער, פלעגט ער אלע מאל שטעהן און ווארטען ביז זי וועט ארויסקומען, די מויד זיינע...

זי געהט צום פענסטער און — ווערט פארשטארט פון איבערראשונג:

זי זעהט מיס בערגמאן אין דער באגלייטונג פון דעם נעכטיגען שווארצהאריגען דזשענטעלמאן. ביידע שטעהן זיי מיט רייזע־רענצלעך לעבען א טעקסי־קעב און לייגען ארויף זייערע זאכען.

פארגעסען אז זיי זיינען ווייניג באקאנט, טוט עליזאבעט אן עפען־אויף דעם פענסטער, בויגט זיך אריבער מיט א פארכאפטען אטעם און שרייט אראפ מיט א פריינדליך־ציטערדיגען קול, נאך אליין ניט גלויבענדיג אירע אויגען:

— מיס בערגמאן! דאס פארט איר אוועק?

מיס בערגמאן הויבט אויף צום פענסטער אירע גרויסע, קעלבערנע אויגען און זאגט פארוואונדערט:

— יא,... האו־דו־יו־דו... דאס איז מיין מאן... מיר האבען נעכטען געהייראט. מיר פארען אוועק...

דער שווארצהאריגער דזשענטעלמאן נעמט אראפ די הוט און גריסט זיך, קוקענדיג ארויף.

— געהייראט? — טוט עליזאבעט א קוויטש, פיהלענדיג ווי א כוואליע פון פרייד פארפלייצט דאס גאנצע וועזען אירס. — טאקע? נו, מזל־טוב! זאל זיין מיט גליק! זאל זיין מיט גליק! — שרייט זי אראפ מיט א גאנץ אויפריכטיגען געפיהל.

— גוד־באי, טערעס! — זאגט מיס בערגמאן, קלייבענדיג זיך אריינצוזעצען אין טעקסי.

— גוד־באי, גוד־באי! גוד לאק! ווארט, פליז, ווארט א מינוטקעלע! — שרייט עליזאבעט.

זי טוט א כאפ פון טיש דעם בוקעט רויזען, און איבערבויגענדיג זיך איבער'ן פענסטער, ווארפט זי אראפ צום יונגען פאר־פאלק.

— דאס איז פאר אייך... גאד בלעס יו!

— אה, טהענק יו!

מיס בערגמאן איז קענטיג שטארק פארוואונדערט און גערירט. די רויזען זיינען אנידערגעפאלען לעבען ראד פון דער טעקסי. דער שווארצער דזשענטעלמאן הויבט זיי אויף, נעמט נאכאמאל אראפ דעם הוט און פארנויגט זיך זעהר גאלאנט.

— אי וויש יו גוד לאק! — שרייט עליזאבעט צום דריטען מאל און פאכעט מיט'ן טיכעלע. זי פארמאכט דעם פענסטער ערשט דאן, ווען די טעקסי ווערט פארשוואונדען פון אויג.

זי טרעט אפ פון פענסטער, בלייבט שטעהן אין מיטען צימער, שמייכעלט צו זיך אליין. דערנאך טוט זי זיך א כאפ פאר'ן הארצען און רופט אויס צו זיך אליין:

— גאטעניו, ס'ארא נאר איך בין! ס'ארא גרויסער נאר בין איך געווען!

עס ווילט זיך איר זינגען, שפרינגען, אזוי גוט און פרעהליך איז'ן הארצען איז איר, דאכט זיך, נאך קיינמאל ניט געווען! זי טוט זיך א ווארף צום קינד, קושט עס און האלזט עס און דריקט עס צו צו זיך, שטיפט מיט אים, און טאנצט מיט אים, ארום אלע צימערען — שכור'ע פון פרייד.

א גרויסע פרייד שוימט און ברויזט אין איר הארצען און פארשווענקט און פארשלינגט דעם טאג.

פארנאכט דערהערט זי דעם מאנ'ס טריט אויף די טרעפ. זי ווארט אבער ניט ביז ער וועט אויפמאכען די טיר. זי לויפט ארוים צו אים אויף די טרעפ, און איידער ער טרעט אריבער די שוועל פון זייער וואוינונג, טוט זי זיך א ווארף צו אים אויפ'ן האלז און שעפטשעט:

— פארגיב מיר, טייערער! טייערער, ליבער, זיסער, זיי מיר מוחל!...

# אַרום די אידישע טעאַטערס

## דאָרא ווייסמאַנ'ס ענגליש־אידישע דראַמאַטישע סטודיאָ

שוין זינט עטליכע יאר פירט־אן די שוישפילערין דארא ווייסמאן (פרוי פון דעם טעאטראל אנשעל שאר), א דראמאטישע סטודיא אין דעם סטיינוועי האל. פון דער סטודיא האבען שוין גראדואירט שוישפילער און שוישפילערינס, וואס פארנעמען אנגעזעהענע ערטער אין ערפאלגרייכע פיעסען אויף בראדוועי און טעלעוויזשאן און ראדיא.

אין א געשפרעך מיט דער ענערגישער דארא ווייסמאן האט זי ערקלערט: „עס וואקסט־אונטער א יוגענט מיט טאלאנט פאר דער בינע, ראדיא און טעלעוויזשאן. אבער טאלאנט מוז אנטוויקעלט ווערען, און צוליב דעם צוועק האב איך איינגעלאדען א סטאף פון קאמפעטענטע לערער אויף פארשיידענע געביטען, ווי: דיקציע, פלאסטיק, רעקלאמאציע און געזאנג. עס וועלען אויך קומען צום אויסדרוק נייע מוזיקער און דיכטער מיט זייערע שאפונגען. דערצו האב איך מיט מיין סטודיא נאך אן אויפגאבע: מיר שטעלען צו טאלאנטען צו פארשיידענע צדקה־אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס.

„מיין שוועסטער און איך פלעגען יארען־לאנג אויפטרעטען אויף פראגראמען פון די דאזיגע ארגאניזאציעס. מיט אונז פלעגען אויך אויפטרעטען אזעלכע בארימטקייטען, ווי בעלא בעקער, מאלי פיקאן, מנשה סקולניק, מיכל מיכאלעסקא, אהרן לעבעדעוו און אנדערע. אונזער לוין איז געווען דער באוואוסטזיין, אז מיר ברענגען פרייד און נוצען אונזערע מיטמענשען. און אט אין דעם גייסט דערציה איך מיינע סטודענטען, סאי אויף אידיש און סאי אויף ענגליש.

„זונטאג, דעם 25טען יוני, צווישען 2:30 און 3 אזייגער נאכמיטאג, גיב איך מיט מיינע סטודענטען אן ענגליש־אידישען ראדיא־פראגראם אויף דער סטאנציע „דאבעליו־אי־ווי־די". אין פראגראם וועלען זיך באטייליגען מיינע סטודענטען, סאי די וואס האבען שוין גראדואירט פון די קורסען און סאי די וואס לערנען נאך. אויך געוויסע געסט־סטארס פון דער ענגלישער און אידישער בינע, ראדיא און טעלעוויזשאן וועלען אויפטרעטען אויף דער פראגראם.

מיר בעטען אלעמען זיך צוהערען צו דער פראגראם, און אויב אייערע קינדער ווייזען א נייגונג פאר דער בינע, ראדיא און טעלעוויזשאן, שטעלט זיך מיט מיר אין פארבינדונג. פעהיגע קינדער וועלען באקומען פרייע סקאלערשיפס. די סטודענטען וואס נעמען ענגלישע קורסען שטעהען אונטער מיין פערזענליכער אויפזיכט. די וואס נעמען די קורסען אין אידיש שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון דער שוישפילערין שרה קינדמאן.

„איך האף, אז מיינע טעטיגקייטען אלס שוישפילערין און כלל־טוערין אין פארשיידענע וואוילטעטיגע ארגאניזאציעס, וואו איך בין זייט יארען אקטיוו, וועלען פאר מיר געווינען דעם צוטרוי פון דעם אידישען עולם, און איך בעט זיך אפצורופען צו מיר אויף דער איינציגער ראדיא־פראגראם. אויב די פראגראם געפעלט, שרייבט מיר אויף דער ראדיא־סטאנציע WEVD. נאך אויף אייער פאדערונג וועט אונז געלינגען צו געבען ווייטערע פראגראמען."

## לעאָ פוקס און עדמונד זאַיענדאַ צו אידישע אָרגאַניזאַציעס

די צוויי דירעקטארען פון פאבליק טעאטער, לעא פוקס און עדמונד זאיענדא, דריקען קודם־כל אוים א דאנק צו א גרויסער צאל ארגאניזאציעס און יחידים, וואס האבען ביז איצט שוין געקויפט זייערע בענעפיטס און בענעפיט־טיקעטס אין פאבליק טעאטער.

מיר וועלען ניט שפארען קיין געלט און ארבייט, ערקלערען די דירעקטארען פון פאבליק טעאטער, אוועקצושטעלען דעם טעאטער אלס די היים פון פיינע אידישע מוזיקאלישע קאמעדיעס. מיר אונטערהאנדלען איצט מיט באקאנטע אידישע דראמאטורגען וואס זאלען ספעציעל שרייבען פיעסען פאר אונזער טעאטער. די פיעסען וועלען זיין פון אמעריקאניש־אידישען לעבען און האבען אן אינטערעס פאר'ן יונגען און אלטען דור.

בכדי צו געבען א מעגליכקייט די ארגאניזאציעס, וואס האבען שוין געקויפט בענעפיטס, און אויך פארשיידענע קולטורעלע ארגאניזאציעס צו קויפען זייערע בענעפיטס און בענעפיט טיקעטס אין פאבליק טעאטער, האבען מיר באשלאסען צו שפילען אין מיטענוואך א רעפערטואר פון יעקב גארדין און אנדערע באוואוסטע דראמאטורגען. מיר האבען אויפגעגעבען אונזער וואקאציע פון היינטיגען זומער, כדי צו האבען מער צייט אויף צוגרייטען דעם גאנצען רעפערטואר פאר'ן סעזאן.

דער טעאטער וועט זיך עפענען די ערשטע וואך אין אקטאבער מיט א מוזיקאלישער קאמעדיע, „לאך און זיי פריילאך". די קאמעדיע שפיגעלט־אפ א געוויס ווינקעל פון אידישען לעבען אין אמעריקע און האט א סך קאמישע סיטואציעס.

ביז איצט זיינען אנגאזשירט געווארען: יעטא צווערלינג, לילי ליליאנא, לוסי גערמאן, מאקס ווילנער, משה פעדער און רבקה'לע ריטשמאן. מיר אונטערהאנדלען מיט ראובן גוסקין, מענעדזשער פון דער אידישער אקטארען יוניאן, וועגען די אנדערע שוישפילער וואס וועלען אנגאזשירט ווערען.

דער מוזיק־דירעקטאר וועט זיין אונזער אלעמענס באליבטער שלום סעקונדא, וועלכער וועט, ווי אלעמאל, שאפען זיסע, הארציגע אידישע מוזיק. מיר אנגאזשירען אויך א גרויסען כאר און א באלעט פון יונגע גראציעזע טענצערינס.

מיר וועלען טאן אלעס מעגליכעס אוועקצושטעלען דעם טעאטער אלס דעם פיינסטען אידישען מוזיקאלישען טעאטער.

## מוזיק־קורסען פאַר'ן זומער

דער „ניו יארק קאלעדזש אוו מיוזיק" אנאנסירט, אז די קורסען פאר'ן זומער וועלען זיך עפענען דעם 3טען דזשולאי און געדויערען ביז'ן 3טען אויגוסט. זיך רעדזשיסטרירען פאר די קורסען דארף מען אין דער וואך פון 26טען דזשון, פון 10 אינדערפרי ביז 8 אין אוונט.

פאר מער אינפארמאציע זיך ווענדען צו:

NEW YORK COLLEGE OF MUSIC
114 East 85th Street, N. Y. C.

## ערשטער אַקט פון „מזל־טוב, מאַלי" שוין פאַרטיג

אירווינג דזשייקאבסאן, דער דירעקטאר פון סעקאנד עוועניו טעאטער, בעט לאזען וויסען, אז יעקב קאליך, דער רעזשיסאר, און יוסף רומשינסקי, דער מוזיק־קאמפאזיטאר, זיינען שוין פארטיג מיט'ן ערשטען אקט פון דער נייער מוזיקאלישער קאמעדיע „מזל טוב, מאלי", וואס איז ספעציעל געשריבען געווארען פאר דער קינסטלערין מאלי פיקאן פון דעם דראמאטורג הערי קאלמאנאוויטש.

מאלי פיקאן האט אין דער נייער קאמעדיע א ראלע, וואס איז קינסטלעריש די בעסטע אין איר קאריערע אלס שוישפילערין. יעקב קאליך האט אין דער קאמעדיע נייע מאדערנע רעזשיסארישע איינפאלען און גרויסע טעאטראלישע אויפטואונגען.

יוסף רומשינסקי, דער דיען פון די אידישע מוזיק־קאמפאזיטארען, האט באוויזען צו שאפען נייע זיסע, צארטע ניגונים, וועלכע וועלען באלד נאכגעזונגען ווערען פון גרוים און קליין אין יעדער אידישער היים.

אין דער קאמעדיע וועלען שפילען די קינסטלער: אירווינג דזשייקאבסאן, מעי שעהנפעלד, לעאן ליבגאלד, דעיוו לובריצקי, אסתר זאלצמאן, גוסטאוו בערגער און נאך פיל שוישפילער, וועלכע אירווינג דזשייקאבסאן וועט איינגיכען אנגאזשירען. דערצו אויך א גרויסער כאר און א באלעט.

עס ווערט אלץ געטאן, אז דער סעקאנד עוועניו טעאטער זאל ווי ביז איצט פארבלייבען די היים פון דער בעסערער מוזיקאלישער קאמעדיע.

פיליפ שניידער, דער ביזנעס מענעדזשער, געהט־אן ענערגיש מיט'ן פארקויפען בענעפיטס און בענעפיט־טיקעטס צו ארגאניזאציעס און יחידים.

דער טעאטער וועט זיך עפענען דעם 25טען סעפטעמבער.

## מאָרגען פאַרזאַמלונג מיט פנחס שוואַרץ אין ניו העיווען

מארגען, שבת, 8:30 אוונט, קומט פאר אין ניו העיווען א מאסען־פארזאמלונג צונויפגערופען פון שטאטישען קאמיטעט פון ארבייטער רינג און פון ברענטש 82 פון אידיש־נאציאנאלען ארבייטער פארבאנד.

פנחס שווארץ, עקזעקוטיוו־סעקרעטאר פון קולטור־קאנגרעס, וועט רעפערירען אויף דער טעמע: „אידישע קולטור פראבלעמען אין אמעריקע". די פארזאמלונג קומט פאר אין הויז פון ארבייטער רינג, 72 לידזשען עוו.

מאלי לודנער, באקאנטע אידישע ארטיסטין פון אייראפע, וועט אויפטרעטען מיט א רעפערטואר פון אידישע לידער פון מ. געבירטיק, מ. קיפנים, ר. ליפשיץ און אנדערע.

יעדער פריינט פון דער אידישער קולטור דארף זיך באטייליגען אין דער וויכטיגער פארזאמלונג, אויף וועלכער עס וועט נעגרינדעט ווערען אן אפטיילונג פון קולטור־קאנגרעס.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

## קאַפּיטעל פופציג

אז בעלא, עלינאָר'ס מאמע, איז גע־קומען אהיים, איז שוין געווען אנהויב אָוונט. מאמע און טאָכטער האָבען אויף גיך אויפגעשטעלט סאַפּער. ביים עסען האָט עלינאָר דערצעהלט איר מאַכען פון דער באַגעגעניש מיט אייבּי'ן און ווי ער איז איצט שוין א געענדיגטער דאָקטאָר און אז ער האָט שוין דערגרייכט צו אזא הויכער שטע־לע ווי צו ווערען אן אינסטראַקטאָר אין א קאַלעדזש. בעלא איז געווען איבערוועלטיגט.

— מאַי גודנעס! — האָט זי אויס־גערופען. — אן אינסטראַקטאָר איז דאָך שוין באַלד ווי א פּראָפעסאָר. אזוי ווייט האָלט ער שוין, אייבּ? איך וואָלט זיך דאָס קיינמאָל אויף אים ניט געגלויבט.

עלינאָר האָט איר אויף דעם גע־ענטפערט:

— אַ, אייבּ האָט א גוטען קאָפּ צו לערנען; אז ער נעמט זיך עפּעס אונ־טער, כוז ער דאָס אויספירען. ער האָט, ווייזט אויס, א גוטען כאַראַק־טער...

— דו האָסט גוט געטאָן וואָס דו האָסט אים איינגעלאַדען אויף מאָרגען צו אונז אויף מיטאָג, — האָט בעלא געזאָגט.

בעלא האָט דאָ געהאַט איר אייגע־נעם געדאַנק דערביי. איר פּראַקטישער מוח האָט שוין א טראַכט געטאָן וועגען א מעגליכען שידוך צווישען איי־בּי'ן און עלינאָר'ן. זי האָט נאָר איין קוק געגעבען אויף איר טאָכטער, און האָט געזעהן ווי עלינאָר איז אזוי אויפ־געלעבט און צופרידען פון דער באַ־געגעניש מיט אייבּי'ן. „הלוואי זאָל דאָס געשעהן," האָט זי אין הארצען זיך געוואונשען.

אויף מאָרגען, זונטאָג אינדערפריה, ווען עלינאָר איז אויפגעשטאנען, האָט זי זיך דערפיהלט מאָדנע גרינג אויפ'ן הארצען. עס איז אזוי אויסגעקומען, אז עלינאָר האָט צו־אַפּט דערפיהלט אויף זיך די לאַסט פון לעבען. און אייבּ, מיט זיין פרעזאַן און מיט זיין פאַרהאַלטען זיך צו איר, האָט אַלעמאָל געמאַכט, אז זי זאָל זיך דערפיהלען גרינג. זי איז דאָך שוין געוואוינט גע־ווען יעדען מאָל, ווען זי איז געווען אין א צרה, צו ווענדען זיך צו אייבּי'ן. און איצט האָט זי ניט־ווילענדיג א טראַכט געטאָן: „אז אייבּ איז דאָ מיט איר, וועט שוין אַלץ זיין גוט"...

עלינאָר און איר מאַמע זיינען דעם גאַנצען פרימאָרגען געווען פאַרנומען מיט צוגרייטען דעם מיטאָג. און ווען אייבּ איז געקומען צוגעהן, איז שוין אַלץ געווען פאַרטיג. בעלא האָט גאָר ניט געוואוסט ווי בעסער אויפצונע־מען אים.

— אזא גאַסט, אזא גאַסט, — האָט זי געהאַלטען אין איין איבּערדערען.

אייבּ האָט דאָך דאָ אין הויז אַלע מאָל זיך געפיהלט ווי אן אייגענער מענש, און ער האָט געשמייכעלט פאַרגעניגענדיג מיט זיינע אויגען פון אונטער די אויגען־גלעזער.

— דו ביזט פאַרפאַלען געוואָרען און מען האָט גאַרניט געהערט פון דיר. — האָט בעלא אים געזאָגט.

און אייבּ האָט פון גרויס צערודע־רונג נאָר געקענט ענטפערען:

— אַ, וועל...

און עלינאָר איז איצט אויך געווען איינגעהאַלטען מיט רייד.

בעלא האָט אים ארומגעקוקט פון אַלע זייטען. זי האָט באַמערקט די ענדערונג אין אייבּי'ן. ער איז עפּעס שענער געוואָרען און אויפגעראַמ־טער. און זי האָט זיך ניט אויפגע־הערט צו וואונדערען אויף אים. איצט האָבען זיי אַלע דריי זיך געזעצט צום טיש. דאָס עסען איז אריבער אין א געהויבענער און פרעהליכער שטימונג.

— וואָס זאָגען איצט דיין טאַטע־מאַמע? — האָט בעלא ביי אייבּי'ן געפרעגט.

זי האָט געוואוסט, ווי זיין טאַטע־מאַמע האָבען קיינמאָל ניט געגלויבט, אז עפּעס גוטס קען ארויסקומען פון זייער זוהנ'ס לערנען. נאָר זייער זוהן האָט פאַר דעם קיין טענות ניט גע־האַט צו זיי.

— זיי זאָגען גאַרניט. — האָט אייבּ א לאַך־געטאָן. ער האָט דאָ אין הויז אַלעמאָל זיך געפיהלט היימישער, ווי אין זיין אייגענער היים.

באַלד נאָכ'ן עסען האָט בעלא עלי־נאָר'ן און אייבּי'ן ארויסגעשיקט פון קיך.

—איר וועט מיך נאָר שטערען דאָ אויפראַמען. — האָט זי זיי געזאָגט.

איצט זיינען זיי ביידע אריין אין ליווינג־רום. אייבּ האָט נאָך אַלץ גע־פיהלט זיך מאָדנע דערהויבען און ער האָט ניט געקענט קומען צו זיך פון דעם, וואָס עלינאָר האָט זיך געביטען און זי איז צו אים אזוי ליב. ווער קען וויסען וואָס מיט איר איז פאַר־געקומען? עלינאָר איז נאָך אַלץ פאַר אים געווען א מיסטעריע, וואָס איז שווער געווען צו פאַרשטעהן. ער האָט ארומגעשפּרייזט איבער'ן צימער מיט גרויסע טריט, און עלינאָר איז געזעסען אויף דער קושעטקע און אים נאָכגעקוקט; און זי אויך האָט גע־פיהלט, אז עס איז ניט דער זעלביגער אייבּ. זיין גאַנצער שטעל איז אנדערש; ער איז זיכערער מיט זיך, און מענע־ריש־שעהנער. און זי ווייסט, אז ער איז איר נאָהענט און טייער, און זי האָט פאַרגעניגען פון דעם, וואָס ער איז איצט מיט איר.

— וואָס קוקסטו אזוי, עלינאָר? — האָט אייבּ זיך געגעבען א שטעל־אָפּ לעבען איר.

— איך וואונדער זיך, אייבּ. דו האָסט זיך אזוי געביטען.

— איך האָב זיך געביטען צום גו־טען? — האָט ער צו איר געשמיי־כעלט היימיש אזוי.

— יאָ, יע, צום גוטען, — האָט זי באַלד צוגעגעבען. — א שאַד וואָס מיר האָבען זיך אזוי לאַנג ניט גע־זעהן...

אייבּ האָט ווידער א שפּאַן־געטאָן איבער'ן צימער. זי האָט דאָך ניט געוואָלט אים זעהן. ער געדענקט דאָס אַלץ זעהר גוט. די דערמאָנונג איז געווען וועהטאָגדיג. עס האָט זיך אים געוואָלט ביי איר פרעגען א פראַגע, וואָס האָט פון נעכטען־אָן געגעבּערט אים אין מוח. נאָר עס איז אים שווער געווען פון דעם אנהויבען רע־דען.

— איך האָב געוואָלט ביי דיר עפּעס פרעגען, עלינאָר, — האָט ער ענדליך באַשלאָסען אנצוהויבען. — נאָר איך ווייס ניט... — ער איז געווען אין א פאַרלעגענהייט.

— פרעג, אייבּ, עס מאַכט ניט אויס. — האָט זי אים ערמוטיגט.

— עס איז וועגען דעם באַי סאַ־ני'ן. דו טרעפסט זיך נאָך מיט אים, ניט אזוי?

עלינאָר איז א ביסעל בלייך געוואָ־רען און א ביטערער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף איר פּנים.

— ניין, אייבּ. איך באַגעגען זיך מער ניט מיט סאַני'ן.

— ניין? — האָט ער כמעט ווי אויסגעשריען.

— וואָס וואונדערסטו זיך אזוי, אייבּ?

ווידער איז אייבּ געווען אין א פאַר־לעגענהייט און א ניט־זיכערער האָט ער געפרעגט:

— דו האָסט דאָך אים ליב גע־האַט, סאַני'ן. אדער דאָס האָט זיך מיר אפשר געדאַכט.

— איך ווייס ניט, אייבּ, — האָט עלינאָר ארויסגערעדט שטיל. — נאָר איצט האָב איך אים ניט ליב. דאָס איז דער אמת. איך האָב דיך נאָר ניט אָפּ. איך האָב זיך אין סאַני'ן אנ־טוישט, — האָט עלינאָר גערעדט אַלץ מיט א שטילען קול. — ער האָט זיך ארויסגעוויזען גאַרניט. אזא ווי איך האָב פון אים געדענקט.

— אַ, אזוי? — האָט אייבּ איר אנגעקוקט איצט שטאַרק צעטומעלט. זי האָט זיך ארומגעזעהן, עלינאָר; זי האָט ענדליך געעפענט די אויגען. א גרויס פרייד האָט אים מיטאַמאָל ארומגענומען פון דער גוטער נייעס. וואָס אַלץ איז שוין אויס צווישען איר און סאַני'ן. נאָר ער האָט זיך געשעמט פאַר איר דאָס ארויסצואווייזען.

(ווייטערעם מאָרגען)

# אַ פאַרשטערטער יום טוב אין לאָס אַנדזשעלעס

**צענדליגער טויזענטער „שראַי־נערס" פון אַלע עקען לאַנד האָ־בען זיך פאַרזאַמעלט צו זייער יערליכער קאָנווענשאָן, אָבער צוויי סטרייקס האָבען געשטערט די שמחה. — לאָס אַנדזשעלעס איז נעבאַך „דיסאַפּאָינטעט" אין דעם רעזולטאַט פון צענזוס.**

אַ בריף פון לאָס אַנדזשעלעס

פון י. לעוויט

די שטאָט לאָס אַנדזשעלעס איז אויף צרות, און עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל איר קומען צו הילף. ערשט איצט זעהט מען ווי דער מעיאָר און דער סיטי קאונסיל, זיינען הילפלאָז צו נעמען א שטאַרקע שטעלונג, אום צו צווינגען די אייגענטימער פון געלע סטריט קארס און באַסעס איינ־צוגעהן אויף ארביטרעישאָן מיט דער „אמאַלגאַמעיטעד אַסאָסיאיישאָן פון סטריט עלעקטריק רעילוועי און מאָ־טאָר קאָוטש עמפּלאָים יוניאָן" פון דער אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר.

די יוניאָן פון די אנגעשטעלטע אויף די סטריט קארס און באַסעס קענען ניט קריגען קיין גערעכטיגקייט פון די מאַגנאַטען, און זי האָט דעריבער ארויסגערופען א סטרייק לעצטען פרייטאָג, דעם זעכצעהנטען יוני, פּונקט א פאַר טעג פאַר דער גרויסער קאָנ־ווענשאָן פון דער ריזיגער אינטערנא־ציאָנאַלער ארגאַניזאַציע פון 33 גראַ־דיגע מאַסאָנען, — די „שראַינערס".

צו האָבען א קאָנווענשאָן פון „שראַי־נערס" אין א שטאָט איז א גרויסע געשעהעניש. צו אזא נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן קומען איבער א הונדערט טויזענט מענשען. שראַינערס זיינען אויך יחסנים. זיי זיינען ניט נאָר דאָס „אויבערשטע פון שטויסעל" אין די מאַסאָנען־לאָדזשעס, זיי זיינען אויך — אין דער ריזיגער מערהייט — פאַרמעג־ליכע מענשען. און צו קאָנווענשאַנס פאָרען זיי ווי צו יום טובים. זיי קו־מען ניט אויף צו האַלטען מיטינגען, נאָר מען קומט „לעבען א טאָג". די גרויסע מערהייט זייערע זיינען מיטל־יעריגע און עלטערע מענשען, אָבער ביי זייערע צוזאַמענפאָרען קומען זיי זיך שפּילען און פאַרברענגען ווי קינדער.

זיי האַלטען אָפּ גרויסאַרטיגע פּאַ־ראַדען. צו די פּאַראַדען ברענגען זיי אייגענע מוזיקער, גאַנצע בענדס. אנ־געטאָן איז מען אין טערקישע פעזען, און אין די פּאַראַדען איז מען אויס־געפּוצט אין די קאָלירפולסטע אָריענ־טאַלישע קאָסטיומען, אזוי ווי שייכען אין די אראַבישע און אנדערע מאָכמע־דאַנישע לענדער. דערפון קען מען זיך שוין אליין אָנשטויסען ווי א שטאָט איז נייגעריג צו האָבען ביי זיך א קאָנ־ווענשאָן פון „שראַינערס". און דער מעיאָר פון שטאָט, וועלכער איז אליין אויך א שראַינער, און אזוי אויך די מערהייט פון סיטי קאונסיל, און אנ־דערע בעאַמטע, זאָגען צו אין פאַר־אויס „גאָלדענע גליקען" אַבי מען זאָל נאָר קומען און האַלטען דאָ די קאָנ־ווענשאָן, קען מען זיך שוין אויך פאָר־שטעלען דעם גרויסען בראָך, ווען א פּאָר טעג פאַר דעם דאָזיגען ריזיגען מאַסען יום טוב האָט די יוניאָן פון די סטריט קארס און באַסעס גערופען דעם סטרייק.

די פּירערשאַפט פון די סטרייקערס האָט גראָדע באַוויזען גרויסמוטיגקייט און געזוכט מיט אַלע מיטלען דעם סטרייק צו פאַרמיידען. די יוניאָן זוכט צו קריגען א העכערונג פאַר די ארבּיי־טער. די מאָטאָרמען און קאָנדוקטאָ־רען אויף די סטריט קארס און באַסעס קריגען ניט מער ווי $1.36 א שטונדע און די יוניאָן האָט פאַרלאַנגט א העכע־רונג פון צוואַנציג סענט אויף דער שטונדע, זייענדיג גרייט ארונטערצו־לאָזען א היבש ביסעל פון די דערמאָנ־טע צוואַנציג סענט. די רייכע סטריט קאַר מאַגנאַטען אָבער ווילען ניט גע־בען מען ווי פיר סענט אויף דער שטונדע, וואָס דאָס איז פּשוט ווי גע־מאַכט חוזק. האָט די יוניאָן געפאָדערט ארביטרעישאָן. „זאָל אן אומפּאַרטיי־אישע קאָמיטע אונטערזוכען די גאַנצע לאַגע און זאָל זי באַשטימען ווי גרויס עס זאָל זיין די העכערונג אין דעם איינקונפט פון די אנגעשטעלטע". אָבער די מאַגנאַטען ווילען ניט הערען און ניט וויסען פון אומפּאַרטייאישער ארביטרעישאָן. און וויפיל דער מעיאָר האָט זיך ניט געבעטען און וויפיל ער האָט ניט אַפּעלירט צו די באַלעבאַטים פון די סטריט קארס און באַסעס, זיי זאָלען איינגעהן אויף דער גערעכטער פאָדערונג פון ארביטרעישאָן, האָט עס געהאָלפען ווי „א טויטען באַנקעס".

די שטאָט האָט זיך אויסגעפּוצט פאַר דער שראַינער־קאָנווענשאָן. אַלע גאַסען, וואו די האָטעלען און רעסטאָ־ראַנען געפינען זיך, זיינען דעקאָרירט מיט די ספּעציעלע פלאַגען פון דעם „וועלקאַם־נאָבעלס". (איר זייט וויל־קאָמען, נאָבעללייט) און די פלאַגען זיינען אַלע אילוסטרירט מיט בילדער פון עניפּטען, פון סיריע און פון אנ־דערע אראַבישע לענדער. אין ריזיגען קאָליסעאום, וועלכער נעמט אריין אי־בער הונדערט טויזענט מענשען, וועלען געהאַלטען ווערען די גאָר וויכטיגע פּאַ־ראַדנע זיצונגען פון דער קאָנווענשאָן; אָבער, דער קאָליסעאום געפינט זיך איבער צעהן מייל ווייט פון דאַון טאַון און פון די הייפּט־האָטעלען. געהן צופוס אהין איז אונמעגליך; סטריט־קארס און באַסעס סטרייקען, — איז טאַקע שלעכט און ביטער.

לאָס אַנדזשעלעס, קען מען זאָגען, איז אַלץ א מזל'דיגע שטאָט, אפילו אין איר שלים־מזל. אין לאָס אנדזשע־לעס אָפּערירען די סטריט קארס און באַסעס ניט איין קאָמפּאַני, נאָר צוויי. ביידע מיט באַזונדערע קאָלירען, געלע און רויטע. ניט נאָר זיינען די קאָלירען אנדערע, נאָר די ארבּייטער באַלאַנגען אויך צו צוויי באַזונדערע יוניאָנס. אויב די ארבּייטער פון די געלע קארס און באַסעס זיינען אנגעשלאָסען אין א יוניאָן פון דער אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר, זיינען די ארבּייטער אויף די רויטע קארס און באַסעס אנגעשלאָ־סען אין דער „בראַדערהוד אָוו יוניאָן טרעינמען", און ווען עס סטרייקען די געלע קארס און באַסעס, — געהען די רויטע באַסעס און סטריט קארס.

אָבער לויט דעם „פּרעזענטשאַין", וואָס די סטריט קארס און באַסעס האָ־בען מיט דער שטאָט־רעגירונג, איז די רויטע קאָמפּאַני נאָר בארעכטיגט אנצונעמען פּאַסאַזשירען פאַר'ן „סאַ־באָירבען" פאַרקער. דאָס הייסט, פאַר יענע, וועלכע וואוינען אויסער'ן שטאָט און אויך יענע וואָס וואוינען אין האָ־ליוואוד און ביי די ביטשעס קענען זיך באַנוצען מיט די רויטע קארס און באַ־סעס. אויך בלויז טיילווייז אין דער שטאָט זעלבסט. אזוי, אז פאַר בלויז א באַגרעניצטער צאָל סטריט־קאַר און באַס־פאָרערס עקזיסטירט איצט ניט קיין קאַר סטרייק.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט: ווען „שראַינערס" פאָרען צו א קאָנ־ווענשאָן, פאָרען זיי האָבען א „גוד־טאַים". ווען די גרויסע דעלעגאַציע פון סאַן פראַנציסקאָ איז געפאָרען צום קאָנווענשאָן אין לאָס אנדזשעלעס, וויסענדיג אז דאָ איז א סטרייק אויף די סטריט קארס, האָבען זיי פון סאַן פראַנציסקאָ מיטגעפירט אן אייגענע סטריט־קאַר, וואָס ווערט געשלעפּט פון א טראַקטאָר, און זיי פאָרען איבער די דאַון־טאַון גאַסען און פירען יעדען איינעם, וואָס וויל נאָר, — פריי. פאַר־שאַפט עס א סך געלעכטער און דער עולם וויצעלט זיך אויפ'ן חשבון פון לאָס אנדזשעלעס'ער „גאַסטפריינד־שאַפט" און „קאָנווענשאָן באַקוועמ־ליכקייטען".

אויב די הילפלאָזע שטאָט־אַדמיני־סטראַציע האָט געהאַט ניט ווייניג „קאָפּ־וועהטאָג" פון טראַנספּאָרטאַ־ציע סטרייק, איז היינט, מאָנטאָג, דעם 19טען יוני, דער ערשטער טאָג פון קאָנווענשאָן פון די שראַינערס, צו־געקומען נאָך זעהר א גרויסער און וויכטיגער סטרייק. דער סטרייק אין אַלע גרעסטע מעכאַנישע בעקערייען. אויך צווישען די בעקער יוניאָן לאָקאַ־לען און די גרויסע בעקערייען זיינען אנגעגאַנגען פאַרהאַנדלונגען א זעהר לאַנגע צייט. די יוניאָן פאָדערט, ער־שטענס, א 35־שטונדיגע ארבּייטס־וואָך אין די דערמאָנטע גרויסע מע־כאַנישע בעקערייען; און צווייטענס די וועידזשעס פון די פריערדיגע פערציג שטונדען זאָלען זיין גילטיג פאַר די 35 שטונדען א וואָך. אויף דער דאָ־זיגער גערעכטער פאָדערונג האָט דער ברויט־טראַסט געענטפערט מיט באַ־ווילליגען א רעיז פון צוויי מיט א האַלב סענט אויף דער שעה. און זעהענדיג, אז צו די פאַרהאַנדלונגען נעמט ניט קיין סוף און אויך זעהענדיג, אז די באַלעבאַטים זיינען ענטשלאָסען גאַר־ניט מער נאָכצוגעבען די ארבּייטער, האָט דער בעקער לאָקאַל 37 גערופען א סטרייק אין דער גרעסטער מעכאַ־נישער ברויט פאַבריק, אין די „אַראַ־וועהעד". אָבער אזוי שנעל ווי די יו־ניאָן האָט עס געטאָן, זיינען געגאַנגען אַלע אנדערע גרויסע בעקערייען און געמאַכט א לאָקאַוט אויף די ארבּייטער אין זייערע פאַבריקען, און עטליכע טויזענט בעקער ארבּייטער סטרייקען היינט. פון דעם דאָזיגען סטרייק ווע־לען אַמשטאַרקסטען ליידען די פּילע גראָסערי מאַרקעטס, וועלכע קריגען זייערע געבעקס פון די דאָזיגע פאַברי־קען. דער דאָזיגער סטרייק רירט ניט אן דעם אידישען בעקער טרעיד, מיט וועמען די יוניאָן האָט א צוויי־יאָריגען אגרימענט, און ניט די אַלע אנדערע קליינע בעקערייען, וואו מען באַקט ברויט ביים האַנט. אזוי, אז אויך צו־ליב דעם בעקער סטרייק וועט מען אינגאַנצען הונגעריג ניט בלייבען. אי־בערהויפּט וועט די אידישע באַפעלקע־רונג בלייבען זאַט.

די הילפלאָזיגקייט פון אונזער שטאָט־אַדמיניסטראַציע האָט זיך אויך קלאָר ארויסגעוויזען אין דעם קאַמף צווישען די גרויסע בעקערייען און דער יוניאָן. אויך אין דעם פאַל האָט דער מעיאָר אונזערער, פלעטשער באָוראָן, געזוכט צו ווערען א פאַרמיטלער, אָבער אין פאַל מיט די בעקערייען, פּונקט ווי אין טראַנספּאָרטאַציע־סטרייק, איז דער מעיאָר איגנאָרירט געוואָרען. און ניט דער מעיאָר און ניט דער סיטי־קאונ־סיל באַזיצען גענוג מוט צו נעמען א מער דראַסטישע שטעלונג.

עס איז באמת ניטאָ וואָס מקנא צו זיין די צוויי מיליאָניגע באַפעלקערונג פון לאָס אנדזשעלעס און די איבער פיר מיליאָן פון דער לאָס אנדזשעלעס קאונטי, מיט זייער שטאָט און קאונטי פאַרוואַלטונג. אָבער ווער איז אונז שולדיג? ליידער איז די באַפעלקערונג אליין שולדיג דערמיט וואָס זי ער־וועהלט יעדען מאָל כמעט די זעלביגע „רו־נאָטהינג" באַאַמטע.

בלויז אין איין זאַך האָט דער מעיאָר פון לאָס אנדזשעלעס יאָ געמאַכט א גרויסען „וויצעקי". דער געשריי איז געגאַנגען די צענזוס־נעמער.

לויט דעם חשבון פון די צענזוס־נעמער באַזיצט לאָס אנדזשעלעס איצט ארום א מיליאָן מיט ניין הונדערט מיט פופציג טויזענט איינוואוינער. און איר צואוואוקס אין די לעצטע צעהן יאָר איז געווען אין קיילעכדיגע ציפער, ני טמער (?) ווי פיר הונדערט מיט פופציג טויזענט.

די לעזער פון די שורות וועלען גע־ווים זיך טראַכטען:

„וואָס, א צואוואוקס פון נאָהענט פון א האַלבען מיליאָן איינוואוינער אין צעהן יאָר, און איין שטאָט, איז ווייניג?"

געוויס זיינען די לעזער גערעכט. מיר קענט אָבער ניט אונזער טשעמ־בער אָוו קאַמערס און אונזער שטאָט־אַדמיניסטראַציע, וועלכע איז אין אַרענדע ביי דעם טשעמבער אָוו קאַ־מערס.

די שטאָט האָט געהאַלטען אין טרו־מייטערען די לעצטע יאָרען, אז אין די לעצטע צעהן יאָר האָט לאָס אנ־דזשעלעס ניט נאָר אריבערגעיאָגט די־שטאָט דעטראָיט, נאָר האָט אין באַ־פעלקערונג אויך אריבערגעיאָגט די דריטע גרעסטע שטאָט אין לאַנד, — פילאַדעלפיע. און די דריטע גרעסטע שטאָט אין לאַנד, לויט זייער חשבון, איז איצט — לאָס אנדזשעלעס. דער חשבון פון דעם צענזוס שטעלט איצט אין געפאַר אָט די באַהויפּטונג, און זאָל גאָט אָפּהיטען, אנשטאָט די דריטע שטאָט קען גאָר לאָס אנדזשע־לעס אוועקגעשטעלט ווערען אויפ'ן פערטען אָרט. שטעהט עס אונז ניט אָן. מאַכט מען גוואַלדען, אז דער צענזוס האָט ניט ריכטיג געציילט. און עס זיינען שוין דאָ אַזעלכע, וועלכע רו־פען אָפּ די צייטונגען און מען רופט דעם מעיאָר און אנדערע אינסטאַנצען, און זאָגען: „ביי אונז זיינען די צענ־זוס נעמער ניט געווען!"

פאָדערט מען א „ריקאַונט"; ניט אנדערש, — טענה'ט מען, אז מען האָט פאַרצעהלט צווישען א הונדערט און צוויי הונדערט טויזענט איינוואוינער... טוט זיך חושך און מען ווענדעט אָן אַלע מיטלען נאָך מער צו פאַרגרעסע־רען די היגע שטאָטישע באַפעלקערונג.

אסור, אויב מען דאַרף אונז, די אַלטע לאָס אנדזשעלעס'ער תושבים, מקנא זיין.

# קרובים געזוכט

סאַלאָמאָן, זיגמונד, זוכט די שוועסטער און אַ טאָנטע פון לאה האַלזוך (געבוירען אין טשערנאָוויץ, רומעניע), געפינט זיך איצט אין ישראל, געווען אין איטאַליע. זיך ווענדען צו:

Sigmund Solomon
c/o Hotel Ashley, Room 400
157 West 47th St., New York, N. Y.

אייזענשטיין, סרול, אין די סטעיטס, שטאַמט פון זשעלעכאָוו, פּוילען, ווערט גע־זוכט פון זיין שוועגערין טויבע אייזענשטיין. איר מאַן האָט געהייסען שייע. מעלדען אויף דעם אַדרעס:

Mrs. T. Eisenstein
1457 Washington Ave., Bronx, N. Y.

סאַלקע, גוטשע, משה און וועלדע, פון דער היים אכוואַלד, די קינדער פון יאַנקעל און אסתר, געוואוינט אַמאָל אין וואַרשע אויף נייע־מילע 50, אין די סטעיטס זינט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געזוכט פון גיטעל לייפּמאַן, פון נייע־מילע 44, וואַרשע, טאָכטער פון אסתר און נפתלי, איצט אין פּאַריז. שרייבען אויפ'ן אַדרעס:

Michalowitz
9 bis Passage St. Ambroise
Paris XI, France

הערשעל (גרישאַ) ראַפּאָפּאָרט, פון ניו יאָרק, געבוירען אין פּיעטריקאָוו, מינסקער גובערניע (געוואוינט ביז 1939 אין בריסעל, בעלגיע), ווערט געזוכט פון זיין שוועסטער'ס זוהן.

אברהם ראַפּאָפּאָרט, פון פּיעטריקאָוו, געבוי־רען אין 1925, איצט אין ישראל אויף פאָל־גענדען אַדרעס:

Abram Rapoport
Kibbutz Sdot-Jam (Keisarea), Israel

# איר קענט זיך טרעפען מיט ניי־געקומענע לאַנדסלייט און קרובים

דאָ איז א ליסט פון ניי־אנגעקומענע אידישע אימיגראַנטען, וועלכע האָבען זייער צייטווייליגע היים אין האיאַס, 425 לאַפאַיעט סטריט, נעבען אַסטאָר פּלעיס (אכטע סטריט), ניו יאָרק. אויב איר געפינט דאָ דעם נאָמען פון א קרוב, א פריינט אדער א לאַנדסמאַן, וועט עס זיין א נענענזייטיגע פרייד אויב איר וועט קומען אין האיאַס זיך זעהן מיט זיי.

אַדלער, גרשון, פון עסטרייך; זיין פרוי און אַ קינד, 2 יאָר אַלט.

אַבראַמטשיק, משה, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 5 און 2 יאָר אַלט.

אסענהיים, משה, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 2 יאָר אַלט.

ביאַליזאָס, אַלעקסאַנדער, פון פּוילען.

בערגער, אברהם, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 1 יאָר אַלט.

בראַס, חיים, פון פּוילען, זיין פרוי און אַ קינד, 5 יאָר אַלט.

באַראַן, אברהם, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 9 און 6 יאָר אַלט.

בילזיק, חיים, פון פּוילען; זיין פרוי און קינד 2 און אַ האַלב יאָר אַלט.

באַראַן, הענריק, פון פּוילען.

ברויער, אַנדאָר, פון טשעכאָסלאָוואַקיע; זיין פרוי און צוויי קינדער, 4 און 3 יאָר אַלט.

כאַינע, שמעון, פון רוסלאַנד; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

טשאַרני, יעקב, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 4 יאָר אַלט.

צימבאַליסטאַ, יוסף, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

דערדיק, מרדכי, און זיין פרוי, פון פּוילען.

דיטקיעוויץ, מאיר, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

דיקערשטיין, זיגמונט, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 3 און אַ האַלב יאָר אַלט.

דיזענדאָרף, יאַכים, און זיין פרוי, פון פּוילען.

דרוקער, אפרים, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 7 און 3 יאָר אַלט.

אייזען, אייזיק, און זיין פרוי, פון פּוילען.

איינהאָרן, לעאָפּאָלד, פון טשעכאָסלאָוואַקיע; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

איינהאָרן, רעגינא, פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

אייזען, יוסף, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 2 יאָר אַלט.

פרידמאַן, מאַנועל, פון דייטשלאַנד; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

פאַרקאַס, יודזשין, פון יוגאָסלאַוויע; זיין פרוי און אַ קינד, 11 יאָר אַלט.

פערסט, סרול, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 5 יאָר און 7 מאָנאַט.

פעלדמוס, שמחה, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 14 און 3 יאָר אַלט.

פיינגאָר, סאָפיע, פון רוסלאַנד; 8 יאָר אַלט.

פריער, קלאַראַ, פון פּוילען, 13 יאָר אַלט.

גוטמאַן, יוסף, און זיין פרוי, פון עסטרייך.

גוטרייך, פּאָול, פון פּוילען.

גרינבלאַט, דוד, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 6 מאָנאַטען אַלט.

גיסמאַן יעקב, פון טשעכאָסלאָוואַקיע; זיין פרוי און צוויי קינדער, 18 און 15 יאָר אַלט.

גרינבערג, לייזער, פון פּוילען; זיין פרוי און קינד, 7 יאָר אַלט.

גאָטעסמאַן, גרשון, פון פּוילען; זיין פרוי און קינדער.

גרינבערג, שבנא, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 10 און 5 יאָר אַלט.

גליקמאַן, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 2 יאָר אַלט.

גאָלדמאַן, יעקב פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 6 און 3 יאָר אַלט.

גאָלדשטיין, בענעק, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

גרינבערג, סרול, פון פּוילען; זיין פרוי און 2 קינדער, 3 און 1 און אַ האַלב יאָר אַלט.

גאָרסקי, לייזער, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 4 מאָנאַט אַלט.

האָראָוויץ, קלמן, פון פּוילען; זיין פרוי און צוויי קינדער, 3 און 2 יאָר אַלט.

האָכבערג פּינקוס, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

הערץ, מאָזעס, פון פּוילען; זיין פרוי און אַ קינד, 3 יאָר אַלט.

האָלאַנדער, פון אונגאַרן, זיין פרוי און אַ קינד, 8 יאָר אַלט.

די אַלע ניי־אנגעקומענע אידישע אימיגראַנטען געפינען זיך צייטווייליג אין האיאַס, וואו זייערע קרובים קענען זיי קומען זעהן. נאָך א ליסט וועט די טעג פאַרעפענטליכט ווערען.

## מזל טוב!



מיס קאָנסטאַנס ניומאַן

**מר. און מרס. סעמיועל אַ. ניומאַן און מרס. מאַקס מאַסקאָוויץ**

פירען זייערע קינדער קאָנסטאַנס און האָוואַרד צו דער חופּה, אין א מזל'דיגער שעה. די חתונה קומט פאָר אין באַל־רום פון האָטעל וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ. מר. ניומאַן איז פּרעזידענט פון ריפּלי קלאָוטהס. צווישען די אַ־טיסטען ביי דער חתונה — ריטשאַרד טאַקער, פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע. די כלה איז א גראַדואירטע פון ניו יאָרק יוניווערסיטי און דער חתן — ניו יאָרק מיליטערי אַקאַדעמי.

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע • פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

עלינאר איז איצט געזעסען איינגע־נורעט אין ווינקעל פון דער אטאמא־נע, א ביסעל א פארקלערטע. זי איז געווען אנגעטאן אין א דין, ווייס בלוזקעלע און א טונקעלער קלייד מיט א סך פאלדען. פאר אייבי'ן האט זי ניט געוואלט זיך צופיל אויספוצען. אבער אירע דינע, שלאנקע גלידער האבען זיך אנגעזעהן אפילו זיצענדיג. אירע געלאקטע האר האבען ארומגע־נומען איר דין, סענסיטיוו פנים. די ליפען — פולע, רויטע — האבען צו־געגעבען נאך מער פרישקייט צו איר גאנצען אויסזעהן.

אייב האט איר אנגעקוקט און גע־פיהלט ווי א ווארעמע כוואליע געהט־דורך איבער אים. ער האט איר ליב געהאט מיט דעם גאנצען ברען פון זיין הארצען, פון זיין פריהער יוגענט־אן. אין דער מינוט האט ער פארגע־סען די אלע שעה'ן פון וועהטאג און פיין, וואס ער האט דורך איר געהאט. זי איז איצט אן אנדערע, עלינאר.

דאס איז געווען קלאר פאר אים צו זעהן. זייערע בליקען האבען זיך בא־געגענט. אין עלינאר'ס אויגען, פאר־שאטענד דורך די לאנגע וויהעס, איז געווען ווי א נייער אנזאג צו אים. אייב האט אויפגעכאפט דעם אנזאג: „זי האט אים ליב, זי וויל אים הא־בען". זיין הארץ האט זיך א צאפל געטאן, און א געפיהל, קיינמאל נאך ניט דורכגעלעבט, האט אים אי־בערוועלטיגט. ער האט געמוזט איצט עפעס טאן, צעשפארען די ווענט, ארויס אויף דער פריי.

— וואס זיצען מיר דא! קום, עלי־נאר, לאמיר ערגעץ געהן! — האט ער ארויסגעשיגען מאדנע לוסטיג — איך וויל דיך אויסנעמען היינט. איך בין דאך איצט רייך.

— איצט ניט. עס איז שוין שפעט ערגעץ צו געהן, — האט עלינאר א לאך געטאן, זוי מיטגעריסען פון זיין געהויבענער שטימונג. — מיר קענען געהן אין פארק אויף א שפאציר, אז דו ווילסט.

זיי האבען ביידע אנגעטאן די מאנטלען און זיינען ארויס אין גאס. עס איז געווען א מילדער, הארבסטי־גער פארנאכט. אין פארק זיינען איצט ווייניג מענשען געווען. א לאנ־גע צייט האבען זיי שפאצירט איבער די אלעען. ביידע זיינען איצט גע־ווען צוגעשטילט און זיי האבען נאר זיך דורכגעווארפען מיט געצעהלטע ווערטער. אויך ביי עלינאר'ן איז דאס הארץ געווען פול. עפעס וויכ־טיגעס גרייט זיך פאר איר צו געשעהן, זינט נעכטען אין אווענט, ווען זי האט אייבי'ן באגעגענט. „אין אייבי'ן וועט זי זיך קיינמאל ניט אנטוישען"... — האט זיך איר איצט געטראכט.

זיי האבען זיך צוגעזעצט אויף א באנק. ביי אייבי'ן איז דאס פנים געווען ווי אויסגעלייטערט. איצט האט ער איר געקענט דערצעהלען ווי ער האט נאך איר געבענקט, און אז ער פלעגט נאר קומען אין די בראנקס, איז ער כסדר פארבייגעגאנגען איר הויז; ער האט ארויפגעקוקט צו אירע פענסטער, אבער ארויפקומען צו איר האט ער ניט געוואלט, ער האט ניט געקענט.

— וואס פאר א מאדנער דו ביזט, אייב, — האט עלינאר זיך א טוליע־געטאן צו אים. — פארוואס ביזטו ניט ארויפגעקומען?

"איר שטימע האט אזוי ווי אים גע־גלעט. ביז שפעט אין אווענט הא־בען זיי ביידע אזוי פארבראכט. און עלינאר האט אים געדארפט דערמא־נען, אפשר דארף ער שוין פארען אהיים, ווייל מארגען הויבט זיך דאך אן א טאג פון ארבייט. אייב האט עלי־נאר'ן צוגעפירט צום שטוב, און זיי האבען אפגערעדט, אז איינגיכען וועלען זיי זיך ווידער זעהן. ער וועט איר געבען צו וויסען, ער וועט איר אפרופען אויפ'ן טעלעפאן, ווען ער וועט קענען צו איר קומען.

ביים געזעגענען זיך האט אייב איר אנגענומען פאר דער האנט, און עלי־נאר איז היינט געווען די, וואס האט געוואגט, און זי האט זיך אפגערופען צו אייב'ן:

—א באי דארף קושען די מיידעל גוד־באי, אזידער ער געהט־אוועק.

און אייב האט ארומגעכאפט עלי־נאר'ן און ער האט איר אזוי געקושט, אז ער האט שיער איר ניט אומגעוואר־פען פון די פיס.

אייב איז געווען שיכור, ווען ער איז דערנאך מיט דער סאבוועי געפארען אהיים. ער האט מיט זיין האנט עט־ליכע מאל אנגערירט דעם ארט אום האלז, דארטען וואו עלינאר'ס הענט האבען זיך געפינען, ווען זיי האבען זיך געקושט. א דינער פארפיום־ריח איז געווען אין דער לופט ארום איה, און דאס האט אים אויך שיכור גע־מאכט.

„ווי שפעט קען דאס איצט זיין?" ער האט א קוק געטאן אויף זיין האנט־זייגערל. מיטאמאל האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט גאר צוגעזאגט דער מיידעל עליזאבעט צו זיין ביי איר היינט אווענט. עס איז שוין לאנג אריבער די צייט. פארפאלען.

„וועמען ארט עס!?" האט אייב הפקר'דיג געגעבען א טראכט.

אויף מארגען אינדערפרי, ווען אייב איז אויפגעשטאנען גרייט פאר זיין טאג־ארבייט, האט ער נאך אלץ גע־פיהלט אין זיך דעם ווארעמען ציטער פון דער באגעגעניש מיט עלינאר'ן. ער האט נאך ניט געקענט קומען צו זיך פון דעם וואונדער, וואס מיט אים איז געשעהן. ווי עלינאר האט זיך אזוי געביטען, און זי האט אפען ארויס־געוויזען ווי זי וויל אים האבען און אז זי האט אים ליב. עס האבען גע־דארפט אוועקגעהן א סך טעג, ביז ער וועט קענען קומען צו זיך. א פאר־טראגענער און א גליקליכער איז ער ארומגעגאנגען צווישען די מענשען, מיט א געזאנג אין הארצען און מיט גרינגע, לופטיגע טריט.

אין דער זעלבער צייט איז איבער אים געהאנגען די שולד אנטקעגען דער מיידעל עליזאבעט. ער האט זיך אנטקעגען איר פארזינדיגט און ער האט ניט געהאלטען קיין ווארט יע־נעם זונטאג אין אווענט. ווען ער האט צוגעזאגט קומען צו איה, איז ער גאר געווען מיט עלינאר'ן, און ער האט פארגעסען. אז עס איז נאר פאראן אזא זאך ווי א מיידעל עליזאבעט. און איצט וועט ער דארפען אפגעבען חשבון פאר זיין טאט.

אין די צימערען פון דער לאבארא־טאריע, וואו ער און עליזאבעט האבען געארבייט, האט זי שוין א פאר מאל זיך דורכגעשלייכט פאקביי אים, נאר זי האט זיך געמאכט ווי זי זאל בא־מערקט אים גארניט. זי איז געווען אויפגערעגט און ברוגז, און זי האט מסתמא געווארט, אז אייב אליין וועט דער ערשטער צוגעהן צו איר און איר בעטען אנטשולדיגונג. עליזאבעט האט שוין געוואוסט, אז ער האט חסרונות. זיינע מאניערען אנטקעגען מענשען האבען איר אפט שאקירט און דאס זיין אפגעלאזען אין אנטאן, וואס אונטער איר ווירקונג האט ער זיך שוין גע־נומען בעסערען. אבער זי האט אים געהאלטען ווי א מענש, וואס זיין ווארט איז ביי אים ראיעל. און איצט האט זי געזעהן, אז אין דעם קען מען זיך אויך ניט פארלאזען אויף אים. זי איז געווען פארצווייפעלט.

אייב, פון זיין זייט, האט געטראכט, אז ווען ער וועט מיט עליזאבעט'ן הא־בען א שמועס, וועט ער איר זאגען, אז ער קען צו איר מער ניט קומען און אז זיי מוזען ווערען אוים פריינט. אייב אליין וואלט אפשר גארניט גע־וואגט איר אזוינס צו זאגען. אבער אז ער האט געזעהן ווי זי איז אנגע־ברוגז'ט, האט ער געטראכט ביי זיך: „עס איז אפשר גלייכער אזוי. וועט ער איצט פארשפארען אלע רייד".

(ווייטערס מארגען)

# אויף א שיף וואס פירט בהמות פון אמעריקע קיין ישראל

פון ז. ברכות

(שלוס פון פעירדוש 3, סעקשאן 2)

די קיה). מיט עלף חדשים צוריק איז ער געקומען פון דייטשלאנד צו זיין פעטער אין נארפאלק. זיין גאנצע משפחה איז אומגעקומען אין ביאליס־טאק. געווען א גרויסע משפחה. ער אליין האט פון 1939־אן דורכגעמאכט פארשידענע לאגערען. ביז מען האט אים געבראכט אין דאכאו, וואו ער איז באפרייט געווארען פון די אמע־ריקאנער אין 1945. ער האט געלעבט די גאנצע צייט אין מינכען. די ערש־טע צייט, ווי פיל אנדערע באפרייטע פון די לאגערען, איז ער ארומגעפא־רען איבער דייטשלאנד. די באנע זיינען געווען פריי. אין יעדער שטאט, וואו ער איז געקומען, איז ער אריין צום בירגערמייסטער, וואו ער האט געקראגען א קארטעל אויף עסען, אלס א באפרייטער פון א לאגער. אבער לאנג האט דאס ניט אנגעהאלטען. עס האבען אנגעהויבען קומען אין דעם אמעריקאנער טייל פון דייטשלאנד פיל אידען פון פוילען און אנטלאפענע פון רוסלאנד, וועלכע האבען זיך אנגענע־בען אלס פוילישע, ווי אויך פיל פאר־טיזאנער. א סך פון זיי זיינען געקו־מען מיט געלט און גלייך געעפענט א גרויסע צאל געשעפטען, א גאנצע גאס מיט געשעפטען.

איצטער, אין נארפאלק, ארבייט ער אין א קליידער־פאבריק, וואו ער פאר־דינט זעכציג־זיבעציג דאלאר א וואך. אלס ארבייטער אויף דער פראקטש־שיה פארט ער איצטער קיין ישראל, ערש־טענס, צו באזוכען זיין קאזין, וועלכער איז א פליער אין ישראל; אין דער זעלבער צייט וויל ער זעהן, אויב ער וועט אויך קענען קומען באזעצען זיך דארטען.

די געלט, וואס ער פארדינט, לעגט ער אפ פאר דעם צוועק. דער פעטער האלט אים אויס מיט אלץ. דאס איינ־ציגע, וואס אים פעלט, איז א אידישע הויז, א אידישע אטמאספערע, אידי־שער גייסט. דאס איז אין נארפאלק ניטא, און ער באקלאגט זיך אויף דעם און זאגט:

„מיר זיינען ארום זעכציג־זיבעציג „גרינע" אין נארפאלק. מיט דער אי־דישער באפעלקערונג האבען מיר גאר־נישט וואס צו טאן. מיר זיינען דא א באזונדערער שבט, פרעמדע. מיר הא־בען אן אייגענע ארגאניזאציע. מיר האלטען־אפ פערזאמלונגען צוויי מאל א מאנאט. מיר פארען־ארוים צום ים, צו א פיקניק, אבער מיר אליין, די „גרינע", האבען מיט דער איבעריגער אידישער באפעלקערונג קיין עסקים. עס ווילט זיך זיין צווישען אידען, פיהלען א ביסעל אידישקייט".

מיט דער זעלביגער שיף קערט ער זיך אום צוריק קיין נארפאלק. ער וועט זיך אויסלערנען א פאך, אנקלייבען א ביסעל געלט און פארען צוריק קיין ישראל, ניט אלס אן ארבייטער אויף א פראקטש־שיף. נאר צו באזעצען זיך דארטען. אזוי זאגט ער.

# די געשיכטע פון דער עלטסטער אידיש־ענגלישער צייטונג

פון ו. פינסבער

(שלוס פון ליטעראטור פעירדוש)

אשכנזים. איין גרופע איז געקומען קיין ענגלאנד פון שפאניע און פארטו־גאל און די צווייטע—פון האלאנד און דייטשלאנד. אידישקייט איז פאר זיי געווען דת משה, רעליגיע. און אזוי איז דאן אויך געווען די „דזשואיש קראניקל". אבער מיט 70 יאר צוריק, נאך די ערשטע רוסישע פאגראמען, האט זיך קיין ענגלאנד אנגעהויבען די גרויסע עמיגראציע פון מזרח־אייראַ־פעאישע אידען, וועלכע האט אינגאנ־צען געענדערט דעם ציזאמענשטעל פון אידישען ישוב אין ענגלאנד. און דער־מיט האט זיך אויך געענדערט דער אויסזעהן פון דער צייטונג. זי האט אפילו פאר א קירצער צייט אנגעהוי־בען ארויסצוגעבען א צוגאבע אין אי־דיש. פאליטיש איז זי געווארען מעהר און מעהר סימפאטיש צום ציוניזם. אין „דזשואיש קראניקל" האט דער גרינדער פון ציוניזם, דר. הערצל, אין יאניאר, 1896, אפגעדרוקט א גרויסען ארטיקעל, אין וועלכען ער האט צום ערשטען מאל אנטוויקעלט זיינע אי־דעען פון פאליטישען ציוניזם. די באלפור דעקלאראציע פון יאר 1917 איז אין נישט קיין קליינער מאס גע־ווען דער רעזולטאט פון דער אגיטא־ציע פון דער דאזיגער צייטונג.

די „דזשואיש קראניקל" פארנעמט א זעהר וויכטיגען ארט אין לעבען פון די אידען פון דער גאנצער וועלט. מיט איר רעכענען זיך פיל רעגירונגען. ווען אמעריקע איז נאך געווען נייט־ראל בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט די ענגלישע רעגירונג זיך גע־ווענדעט צו דער „דזשואיש קראניקל" זי זאל אויסנוצען איר איינפלוס אויף די אמעריקאנער אידען, כדי זיי צו־געווינען פאר'ן קאמף געגען דייטש־לאנד. דער דאמאלטדיגער רעדאקטאר איז געווען גרינבערג, א פערזענליכער פריינט פון סעמיועל גאמפערס, דעם בארימטען ארבייטער־פירער, וועלכער איז אליין געקומען פון לאנדאן. די ארטיקלען פון „דזשואיש קראניקל" האבען פיל געטאן כדי דאן צו באווירקען די אמעריקאנער אידען סימפא־טיש פאר ענגלאנד און פראנקרייך און געגען ווילהעלמ'ס דייטשלאנד.

די היינטיגע „דזשואיש קראניקל" איז סימפאטיש געשטימט צו ישראל; אבער זי באמיהט זיך אין דער זעלבער צייט נישט אריינצופאלען אין קיין עקסטרעמען נאציאנאליזם. זי באמיהט זיך, מיט גרעסערען אדער קלענערען ערפאלג, אויסצודריקען די געפיהלען און שטימונגען פון ענגלישע אידען, פאר וועלכע ענגלאנד איז נישט קיין צייטווייליגער האטעל, נאר די היים פאר זיי און זייערע קינדער. זי איז־אלענפאלס, א צייטונג, וועלכע איר געפינט יעדען פרייטאג אין די היימען פון 50 טויזענט אידישע משפחות אין ענגלאנד.

# איד. נאצ. ארבייטער פארבאנד ווענדעט זיך צו שטאטישע ביבליאטעקען צו פארגרעסערען אפטיילונג פאר אידישע און העברעאישע ביכער

די הויפט־לייטונג פון אידיש־נאציאנאלען ארבייטער פארבאנד האט די טעג געשיקט א רוף צו זיינע צווייגען איבער'ן לאנד, אז זיי זאלען זיך ווענדען צו די שטאטישע ביבליאטעקען אויסצוברייטערען זייערע אפטיילונגען פאר אידישע און העברעאישע ביכער. אין דער ווענדונג ווערט באזונדערס אנגעוויזען אויף דער נויטווענדיגקייט פאר אידישע און העברעאישע ביכער אין דער איצטיגער צייט, צוליב דעם, וואס ס'זיינען לעצטענס אריינגעקומען אין לאנד טויזענטער נייע אידען פון אייראפע. אויך ווערט געצויגען זייער אויפמערקזאמקייט צו דער וויכטיגער אקציע וואס דער פארבאנד האט אויף דעם געביט דורכגעפירט מיט העכער דרייסיג יאר צוריק.

די ווענדונג פון דער פארבאנד־לייטונג, איז אונטערגעשריבען פון מאיר בראון, פרעזידענט, און ל. סיגאל, סעקרעטאר.

## אויספלוג אין מעטראפאליטען קונסט־מוזעי

די אחרות העבודה־פועלי ציון ארגאנזירט אן אויספלוג אין מעטראַ־פאליטען מוזעי, אונטער דער לייטונג פון דעם באקאנטען אידישען מאלער שאול ראסקין, וואס וועט פארקומען מארגען, שבת, דעם 24טען יוני, 2:30 נ. מ. טרעף־פונקט: ביים אריינגאנג פון מוזעי אויף 5טע עוועניו לעבען 82טע סטריט. אלע נייגעקומענע זיי־נען געלאדען.

# א געטרייער טאטע

פון חיים פעט

(שלוס פון פעירדוש 3, סעקשאן 2)

נאהענטע מענשען, א מאן וואס זאל איהר שיצען...

זי איז געבליבען שטעהן מיט'ן רידל אין האנט. מיט'ן זייטיגען שטע־געל האט זיך באוויזען א הויכער מאן מיט א זעקל אויף די פלייצעס און א שטעקען אין דער צווייטער האנט. עס האט איהר שטארק געקלאפט דאס הארץ. זי האט שוין געזעהן זיינע הויכע, פארשטויבטע שטיוועל און זיין פארווינטנט פנים.

דער מענש קומט פון א סך וועגען... ער איז צוגעקומען נאהענט, געקוקט אויף דעם מצבה־שטיין. און, ניט אראפנעמענדיג דעם זאק פון זיינע פלייצעס, האט ער אין א פאר ווער־טער ערקלערט, אז ער איז א מצבה־קריצער...

שפעטער האט מאשקע געקוקט דורך א זייטיגען פענסטער, ווי ער האט נאכגעקוקט דעם אויסגעשריבענעם פאפיר... ער האט מיט א קריידעל געצויגען גלייכע ווירעס אויפ'ן שטיין. ער האט פאמעליך אויסגעשריבען אין געדרוקטען כתב די אותיות. אן „א" מיט א פליגעלע. א „ה" מיט אן אונ־טערגעהאקטען פיסעל. א „ג" מיט א טארבעטשקע. און גאר אין דער הויך האט ער אויסגעמאלען א הירש מיט צווייגענדיגע הערנער.

אה! דער מאן האט כישוף אין די הענט... זי האט ביים אוווען געגרייט א מאלצייט. מארגע, דער פרעמדער מאן האט איהר ניט געשראקען. זי האט געפיהלט א געוויסע קרובה'־שאפט, וואס ער גלעט מיט זיינע ברייטע הענט דעם מצבה־שטיין...

שפעטער האט זי איהם ארויסגע־טראגען אין דער קופערנער קווארט וואסער. ער האט אראפגענומען די שווארצע ברילען און געקוקט אויף איהר אפען און ווארים.

— מיין נאמען איז יאסקע! ווי רופט מען דיך?

ס'איז איהר געפעלען געווען וואס ער אירצט איהר ניט...

— מאשקע איז מיין נאמען — האט זי ווי אויסגעזונגען. — קומט אריין אין שטוב. כ'האב צוגעגרייט א מאל־צייט.

ער האט אוועקגעלעגט די געצייג. איבערגעשפאנט די שוועל, האט ער זיך געזעצט ביים טיש. א גלעט־געטאן דאס טישטוך. זיין גאנץ פנים האט געשמייכעלט. און געגעסען האט ער ווי אהן לעפעל. מען האט ניט גע־הערט קיין קלאנג. און געזאגט האט ער א פאר ווערטער, ווי זיי וואלטען געהאט פליגלען. זיי האבען א שוועב־געטאן מיט א ניגון. און זיין קודלע־וואטער קאפ האט געברענט. ווען זי טראגט איהם עפעס צו, דוכט איהר אז ער רירט זי אן מיט הענט, מיט זיין הארץ.

— מאשקע! — זאגט ער — קום־צו נעהענטער... קוק דורכ'ן פענסטער, ווי א בוים מיט א בוים קושט זיך...

ער איז ארוים, זיך געזעצט ביים מצבה־שטיין. געקלאפט ריטמיש מיט'ן העמערל איבער דער דלאטקע. און מיט אנגעבלאזענע ליפען אויסגעבלאזען דעם שטייבשטויב.

ער האט געטראכט וועגען מאש־קע'ן. געגוג צו וואגלען... זי לויכט ארויס פון איהרע קליידער...

אויך מאשקע האט ניט איינגערוהט. זי איז שוין געשטאנען נאענט לעבען יאסקע'ן.

— איהר קריצט טיף! — האט זי פארענדיגט מיט א קלינגענדיגען גע־לעכטער. — איהר ארבייט גיך! — האט זי ניט געקענט איינהאלטען דעם צונג.

ער האט אראפגערוקט די שווארצע ברילען און געקוקט אויף איהר מיט שטראלענדיגע אויגען...

זי איז ארייננעלאפען אין שטוב, און באלד נאכדעם האט זיך באוויזען יאסקע.

— מאשקע, קום־צו נעהענטער צו מיר... דו ווייסט, איך בין א וואנ־דראווטשיק! א מצבה־קריצער! דער הויסען איז מיין היים...

זי האט זיך געטוליעט צו איהם. געפלאנטערט איהרע הענט אין זיינע האר...

מאשקע! — האט ער געשעפטשעט — ווענסט זיין מיין ווייב...




פריי! שליסט זיך פריי! אן אין



„עלסי'ס בייגעל און קרים טשיז קלוב"

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע און פוילען

ספעציעל געשריבען פאר'ן „פארווערטס" — פון ראָוז שושנה

(פארטזעצונג)

## דערקענט דעם טויטן

אבער די אָרימע ראינע האט דאך געמוזט דערקענען איר מאן, כדי מען זאל אים קאנען ברענגען צו קבר ישראל.

דעבי האט געטוליעט איר טאכטער צו זיך און איז מיט איר ארויסגעשטי־גען פון קאר, כדי צו געפינען דעם קערפער פון סעמ'ען..

זיי זיינען געגאנגען צווישען די פארברענטע שטיקער קערפער, וועל־כע ס'איז אונמעגליך געווען צו דער־קענען, אז דאס זיינען אמאל געווען לעבעדיגע מענשען.

געגאנגען זיינען אנדערע אומגליק־ליכע און אויך געהאפט צו דערקענען זייערע נאהענטע.

ראינע איז געווען זעהר געבראכען. ביי יעדען אפגעדעקטען שטיקעל פארברענטען קערפער האט זי ארויס־געלאזען א שרעקליכען יאמער.

דאס בילד נעבען דעם געקראכטען עראפלאן איז געווען שוידערליך. מאמעס מיט ווילדע אויגען, מיט פונ־ווינט־צעווארפענע האר, מיט בלאסע פנים'ער — זיינען ארומגעלאפען פון איין קערפער צום צווייטען און גע־זוכט זייערע קינדער. יונגע פרויען מיט חושכ'דיגע פנים'ער, זיינען גע־לאפען ווי משוגע און געבראכען די הענט. יעדע מינוט איז אן אנדערע געפאלען אין חלשות. די אמבולאנ־סען האבען זיך איינפאך ניט געקאנט קיין עצה געבען. טאטעס מיט פינ־סטערע פנים'ער האבען געשלונגען די טרערען און געזוכט זייערע קינדער. מענער האבען געזוכט זייערע פרויען, וועלכע זיינען געפארען אויף וואקא־ציע קיין פלארידא — און געפונען אזא ביטערען טויט.

אז איכיצער האט דערקענט א טוי־טען האט זיך דערהערט א יאמער, וואס האט פארהילכט די הימלען און מען איז געפאלען אין חלשות.

ראינע מיט איר מאמען האבען זיך ארומגעדרעהט צווישען די טויטע קערפער און געזוכט סעמ'ען. ביי יעדען פארברענטען קערפער וואס זיי האבען אפגעדעקט, האט ראינע ארויס־געלאזט א פארצווייפעלטען געשריי. ביי איין פארברענטען קערפער איז געשטאנען א יונגע פרוי און בא־טראכט די רעשטלאך פון דעם טויטען. זי איז געווען זיכער, אז זי האט שוין געפונען איר מאן.

פלוצלינג האט בעקי ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי:

„שמואל! שמואל! ראינע, דאס איז דאך סעם! זעהסט נישט זיין סוט, דער נייער סוט?"

צום פארברענטען קערפער איז גע־ווען צוגעקלעפט א רעשטעל פון א טונקעלען געוואנט, וואס איז אויף א מערקווירדיגען אופן ניט איינגאנצען פארברענט געווארען, אזוי ווי א גע־היימע האנט וואלט עקסטרא איבער־געלאזט א שטיקעל סחורה, כדי מען זאל דערקענען דעם טויטען. און כאטש מען האט נישט געקאנט זאגען אויף זיכער, וואס פאר א קאליר די סחורה האט אמאל געהאט, האט דאך בעקי דערקענט, אז דאס איז סעמ'ס.

די יונגע פרוי, וועלכע איז פון פריהער געשטאנען ביים טויטען קער־פער און געמיינט, אז זי האט געפונען איר מאן, איז איצט אן אנטוישטע, א דערשלאגענע, מיט פארבראכענע הענט, מיט רויטע געשוואלענע אויגען אוועקגעגאנגען פון דעם קערפער, וועלכען בעקי און ראינע האבען דער־קענט אלס סעמ'ס.

ראינע האט וואס גיכער געוואלט אוועקגעהן פון דעם שרעקליכען ארט. זי האט געפיהלט, אז דער ריח פון די פארברענטע קערפער מאכט זי חלש'ען. דאס שרעקליכע בילד האט זי איינגאנצען דערשיטערט.

ראינע האט געהערט, ווי בעקי, איר מאמע, בעט מחילה ביים טויטען. זי מורמעלט שטיל:

„אפשר בין איך נישט געווען גע־רעכט צו דיר. זיי מיר מוחל. לויף בעטען פאר דיין קינד, פאר דיין וויב!"

ראינע'ן האבן די ווערטער גע־שטאכן ווי מיט שפיזן. זי האט איצט געוואלט אויסשרייען:

„וואס האסט איר צום טויטן! בייח לעבן האט איר אים געמוטשעט מיט ליגענס — לאזט אים איצט אפ!"

זי האט געוואלט אויסשרייען: „עס איז א ליגען! ער איז נישט געווען מיין מאן! ער איז ניט דער פאטער פון מיין קינד!" אבער זי האט זיך באטראכט, אז איצט איז דאך דעם טויטען שוין אלץ איינס.

— גיכער, גיכער מאמע! קום, לאמיר געהן פון דאנען. מיר איז שלעכט, מיר איז שרעקליך שלעכט!

בעקי, וועלכע איז תמיד געווען מער ענערגיש פון איר מאן, האט אויך איצט אלץ אליין דערלעדיגט און געלאזט איר מאן — „די ווייכע מירל", ווי זי האט אים גערופן — זיצן אין קאר.

ביים עראפלאן האבן זיך אויך געפונען אנגעשטעלטע פון „פיונעראל פארלארס", וועלכע האבן באלד צו־גענומען די שטיקלאך פון די דער־קענטע קערפער אין קאסטענס און זיך געגרייט באלד איינצוארדענען די לוויה. מ'האט צום טויטן קערפער צוגעשטעפט א צעטעלע מיט זיין נאמען און אוועקגעפירט.

ראינע און בעקי זיינען צוריק אריין אין דער קאר און אלע דריי האבן געוויינט די גאנצע צייט וואס מען איז געפארען אהיים.

דזשייקאב הא איינגעארדענט א שעהנע לוויה, געקויפט א פיינע קרקע און האט אמת'דיג געטרויערט נאך זיין איידים, וועלכן ער האט זעהר ליב געהאט.

דזשייקאב האט פארלאנגט, אז זיין טאכטער זאל זיצן שבעה, און ראינע האט דאס געטאן מיט הארץ. זי האט איצט שוין נישט געדארפט קיין גט. זי איז געווען פריי, א יונגע אלמנה. איר טרויער אבער איז ניט געווען קיין געמאכטער. זי האט סעמ'ען זעהר געשעצט. זי האט געוואוסט, אז זי האט איצט פארלארן א ליבען טייערען פריינט. איז איר טרויער געווען אן אמת'ער.

דזשייקאב איז ארומגעגאנגען א צו־בראכענער. ער האט זיך געפיהלט ווי שולדיג אין סעמ'ס טויט. ער האט די גאנצע צייט געטראכט, אז ער אליין האט דאך געוואלט פארען, אבער ער האט געוואלט בעסער בלייבען מיט עטל'ען. אים איז א שאד געווען אוועקצופארען אפילו אויף איין טאג און ער, סעם, דער ארימער איידים זיינער, האט אים אפגעלאזט. ער איז געווען דער קרבן.

אין שטוב האט געהערשט א שרעק־ליכע שטימונג. איינער האט נישט געקאנט טרייסטען דעם אנדערען, ווייל אלע האבען זיך עפעס געפיהלט ווי שולדיג.

אויך בעקי האט איצט געהאט גע־וויסענביסע פארוואס זי האט אים די גאנצע צייט אזוי שלעכט באהאנ־דעלט. זי איז געווען א זעהר אבער־גלויבערישע פרוי און כסדר געטראכט אז סעם וועט זיך איצט נוקם זיין אין איר. ביים לעבען האט ער דאס נישט געקאנט, אבער א טויטער קען אלץ טאן.

אויך ראינע האט עפעס געפיהלט א ווייטאג אין הארצען, וועלכער האט נישט אויפגעהערט קיין איין מינוט. פון בעטלע, וואו עס איז געלעגען דער קליינער מוני, האט זיך כסדר געהערט טא־טא־טא־טא.

א הויכער געוויין האט זיך ארויס־געריסען פון אלעמענס צעווייטאגטע הערצער.

אזוי האט מען באוויינט סעם גרינ־שטיין'ען.

(ווייטערעס מארגען)

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער

געשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס" פון שלמה בן־ישראל

(נאכדרוק פארבאטען)

(פארטזעצונג)

## דער געהיימער צימער אין מעטשעט פון דאוד פאשאַ

ירמיהו איז געווען הונגעריג. ער האט אליין ניט געדענקט ,, לאנג ער האט ניט געגעסען און ניט געטרונקען. ער האט געהאט פארלארען דעם רעכ־נונג פון די טעג און נעכט וואס ע־האט פארבראכט אין דעם פינסטערען, פארשטיקטען צימער ביי דער נוקטע אין מיקור.

די יונגע האבען געהאט מיט זיך עטליכע אלט־געבאקענע „פיטעס", א שטיקעל שאפענע קעז און א הייפען טייטלען און דערפון האבען זיי געגע־בען ירמיהו'ן א ביסעל. ער זאל זיך ניט צוכאפען צו־שטארק צום עסען. לויט זייער אייסרעכנונג האט ירמיהו ניט געהאט פארזוכט קיין עסענווארג אי־בער זעקס טעג און זינט זיין „משפט" האט ער אויך קיין וואסער ניט פאר־זוכט.

ווערענד ירמיהו האט זיך געקוויקט דאס הארץ מיט'ן אריכען מאלצייט, האט סענדער געטריבען דעם ציטערנ־צעלטען טראק אויף א זייטיגען וועג, וואס האט געפירט צום שאסעי. ער האט אויסגעמיטען דעם וועג וואס פירט קיין ראמאדי, ווייסענדיג, אז זיי קענען דארט אנטרעפען מענשען וואס געהען צופוס אדער רייטען קיין מיקור צום יאריד און „פאנטאזיע".

סענדער האט יענעם אינדערפרי, ווען סעדיה האט פארבראכט אין מו־קור, גוט אויסגעפארשט די גע־גענט און ער האט זיך גענוי באקאנט מיט'ן וועג אויף וועלכען זיי זיינען איצינד געפארען. עס האט זיי גע־דויערט איבער א שטונדע ביז זיי הא־בען דערגרייכט צום שאסעי. אין די גאנצע צייט האבען זיי געקענט זעהן פון ווייטענס אויפ'ן בערגעל די פלא־מען פון דער ברענענדער שטאט. דער ווינט האט אזוי צובלאזען די שרפה, אז עס איז געווען ליכטיג אויף א צענד־ליג קילאמעטער ארום דער שטאט.

א שלאקס־רעגען האט פלוצים א גאס געטאן פון הימעל און דאס האט זיי געצוואונגען צו פארלאנגזאמען דעם גלאף פון דעם טראק. קיין לאמטערנ'ע האבען זיי ניט געהאט צו באלייכטען דעם וועג און די שויב פון פארענט איז פון רעגען פארוואנדעלט געווארען אין א געדיכטען וואסערדיגען פארהאנג, וואס האט אוממעגליך געמאכט עפעס צו זעהן.

סענדער האט געמוזט ארויסשטע־קען דעם קאפ פון דעם זייטיגען פענס־טערעל און טרייבען דעם טראק פאר־זיכטיג. זיי זיינען אזוי אפגעפארען ביז פארטאג, ווען דער רעגען האט זיך פלוצים אפגעשטעלט. דער ווינט האט זיך איינגעשטילט און דער מזרח האט זיך גענומען בלאסען, אנפילענדיג די פרישע קאלטע לופט מיט א מילכיגער גרויקייט.

איצט זיינען זיי געפארען שנעלער. ירמיהו האט נאכ'ן עסען גענומען דרימלען און האט ניט געפיהלט די טרייסלעניש פון טראק. סענדער האט זיך געאיילט וואס ווייטער אוועקצו־פארען פון מיקור. ווען די זון איז ער־שינען אין הימעל, שווימענדיג צווישען די צופליקטע רעשטלאך פון די וואל־קענס, זיינען זיי שוין געווען א העלפט וועג צו באגדאד.

זיי האבען זיך אפגעשטעלט ביי א שטעטעל און סעדיה איז אוועק צום מארק איינקויפען עסענווארג און קליי־דער פאר ירמיהו'ן. ער האט זיך צוריק־געקערט מיט א לאנגער העמד, אונ־טערוועש און א ברייטער „אבאיע" פון קעמעל האר. ער האט אויך מיטגע־בראכט א קריג מיט ווארימע קעמעל מילך, פרישע פיטעס, אנגעפילטע מיט „חוממוס" (אזא סארט סאלאט פון גרינע ארבעס מיט אויל און אייער), און א הויפען מיט פרישע אליוועס.

ירמיהו האט איבערגעטאן די קליי־דער און זיי האבען פארטגעזעצט זייער רייזע עסענדיג אויפ'ן וועג.

ניט קוקענדיג דערויף וואס ירמיהו האט זיך געשטארקט צו זיצן גלייך און אנהאלטען א געשפרעך, האט זיין צושטאנד שטארק באזארגט זיינע צוויי פריינט. דער יונג איז געווען קראנק, זיין גאנצער קערפער איז געווען בא־דעקט מיט וואונדען און ער האט גע־האט אביסעל פיבער. ער האט זיך גע־נייטיגט אין א דאקטאר מעהר ווי אין קליידער און עסענווארג. אבער ברענ־גען אים צו א דאקטאר וואלט געווען א טויט־געפאר פאר זיי אלעמען, אויב זיי זאלען אפילו געפינען א דאקטאר.

ניט קוקענדיג אויף דער טרויעריגער לאגע, האט סענדער זיך ניט געקענט איינהאלטען פון שמייכלען ביים גע־דאנק פון זוכען א דאקטאר. דערוויי־שען, זנאכארס, כשוף־מאכער, הייליגע קברים — אט־די אלע „מעדיצינישע מיטלען" האבען אין איראק ניט גע־פעלט, אבער א דאקטאר? נאר אין באגדאד און אין באסרא זיינען פאראן דאקטוירים, און אויך דארט זיינען זיי נאר צו העלפען די רייכע לייט.

אויפ'ן וועג האט זיי ירמיהו דער־צעהלט ווי אזוי זיין אומגליק האט פאסירט. ביז מיקור איז אלץ געגאַנ־גען גלאטיג. פון מוקיר האט ער געדענקט נעמען דעם באס קיין ראַ־מאדי, דארטען נעמען דעם באן קיין באגדאד. ווער האט געקענט איינפאלען, אז ער וועט אין מיקור אנטרעפען דעם פארשאלטענעם יוסף?

— אלאוו האשאלעבין! — האט סענדער א בורטשע געטאן מיט צופרי־דענהייט.

מען האט ירמיהו'ן צישלאגען גלייך אין מארק ביים ביידעל פון באס. יוסף איז דער ערשטער ארויפגעפאלען אויף אים. צום גליק איז אנגעלאפען איינער פון די פאליסלייט וואס מאכט אויף אין מארק די שטייערען פון די אנקומענדע. דערזעהענדיג אז מען האט דא גע־כאפט א „שפיאן", האט ער ירמיהו'ן אוועקגעפירט אין דער ניקטע, באגלייט פון יוסף'ן און דעם גאנצען המון.

(ווייטערעס מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פארטזעצונג)

נאר עליזאבעט האט לאנג איר ברוגז ניט אויסגעהאלטן. און איינ־מאל אין א פארנאכט, אז ער איז איר אנטקעגנגעקומען אין איינעם פון די צימערן פון דער לאבאראטאריע, האט זי אים אפגעשטעלט.

— דאקטאר גארדאן, איר האט צייט? — האט זי א ווילע א קלער געטאן. — לאמיר זאגן, מארגען אין אווענט, קומט צו מיר אין הויז, מיר וועלען האבען א קאפע.

— אלראיט, מיס... עליזאבעט, — האט ער א פארשולדיגטער זיך אפגע־רופען, און ער האט איר צוגעזאגט צו קומען. אין הארצען איז ער ניט גע־ווען רוהיג, נאר פארפאלען, מען האט דאך געמוזט מאכען א סוף מיט דעם גאנצען ענין עליזאבעט...

און אויף מארגען אין אווענט איז ער שוין געזעסען מיט עליזאבעט'ן אין איר קליינעם, ציכטיגען אפארט־מענט. זי האט אנגעגרייט א טיש מיט צובייסען און מיט קאווע. און אייב האט געגעסען און געטרונקען אלץ, וואס זי האט אים צוגעטראגען, ווי ער וואלט דערמיט וועלען וואס לענגער אפציהען די מינוט, ווען זיי וועלען דארפען אנהויבען זייער שמועס. עליזאבעט האט געווארט ביז ער וועט ענדיגען עסען און דערנאך האט זי זיך אפגערופען:

— קומט, לאמיר אריינגעהן אין לי־ווינג־רום, דאקטאר גארדאן. דארטען איז באקוועמער.

אין איר שטימע איז ניט געווען די פריהערדיגע ווייכקייט און פריינט־ליכקייט, ווען זי פלעגט אים באגעג־נען ביי איר אין הויז.

איצט זיינען זיי ביידע געזעסען אין ליווינג־רום אויף דער קושעטקע. עלי־זאבעט האט געווארט ער זאל איר עפעס זאגען. נאר אז ער האט גע־שוויגען שטיל, האט זי אליין אנגע־הויבען:

— דאקטאר גארדאן... איך האב געמיינט... איך ווארט איר זאלט מיר דערציילען פארוואס איר זענט יענעם זונטאג אווענט ניט געקומען, ווי מיר האבען אפגערעדט.

מען האט געקענט זעהן, ווי אויף איר דארען האלז האט א מוסקול גע־נומען ציטערן. אייב האט זיך שטארק פארלאהרן. ער האט ניט געוואוסט ווי אזוי ער זאל זיך פארענטפערן.

— „אי עם סארי". עס פארדריסט מיר זעהר. — האט ער ארויסגערעדט מיט א שוואכער שטימע.

— דאס איז ניט גענוג צו זאגען, אז אייך פארדריסט. עס מוז דאך זיין אן אורזאך?

עליזאבעט האט געהאט אירע איי־גען אנגעצילט אויף אים. זי האט גע־ווארט צו באגעגנען זיין בליק. נאר אייב האט געהאלטן זיינע אויגען אראפגעלאזען נידעריג. ער האט גע־שוויגען שטיל, ווי עס האט אים אפ־גענומען דאס לשון.

— עס האט דאך מסתמא עפעס פאס־סירט מיט אייך יענעם אווענט? — האט ער ווידער געהערט עליזאבעט'ן רעדען. — אדער איר האט אינגאנצען פארגעסען וואס איר האט צוגעזאגט. איך בין געזעסען און געווארט, און ערגעץ ניט ארויסגעגאנגען.

— אלץ וואס איך קען אייך זאָ־גען איז, אז איך בין געווען פארנו־מען, — האט ער ארויסגערעדט ווי איבערגעוואלט. — אי עם סארי, מיס עליזאבעט.

— אבער ווייניגסטענס האט איר געדארפט אפרופען. דאס האט איר דאך געקענט.

עליזאבעט איז געווען בלייך און אויפגערעגט. מיט אלע כוחות האט זי זיך איינגעהאלטען ניט צו העכערען איר שטימע, ווען זי האט ווידער אנ־געהויבען רעדען:

— איך האב, אז איך האב פאר־דינט ביי אייך, אז איר זאלט מיט מיר זיין אפנהארציג, דאקטאר גאר־דאן. וואו זענט איר געווען אין יע־נעם זונטאג?

— איך קען אייך ניט זאגען וואו איך בין געווען, עליזאבעט.

— עס איז א סעקרעט, איך טאר דאס ניט וויסען?

— יע, עס איז א סעקרעט, — האט איר אייב געזאגט.

ער איז געווען אין א מאדנער פאר־לעגענהייט איצט, ער האט מיט דער האנט א גלעט געטאן זיין האלז, אויף דעם זעלבען ארט, וואו מיט א פאר טעג צוריק זיינען געלעגען עלינאר'ס ארעמס, ווען זי האט אים ארומגענו־מען און א קוש געטאן. אין דער מינוט האט עלינאר'ס געשטאלט אים א שוועב־געטאן פאר זיינע אויגען, ווי א פריש, ווארעם ווינטעל, וואלט אויף אים א ווייהע־געטאן, ער האט מאר־נע צו זיך אליין געשמייכעלט.

אייב האט ווידער דערהערט עליזא־בעט'ס שטימע. זי האט גערעדט ווע־גען זייער פריינטשאפט ביז איצט, מיט אן אנדריט, וואס זי האט פאר אים געטאן, און אז זי האט ניט פאר־דינט ער זאל אנטקעגן איר אזוי האנדלען, ווי נאר וועה־טאן איר. אייב האט געשוויגען שטיל. וואס האט ער געקענט זאגען? זי איז געווען גע־רעכט ארום־און־ארום. זיין געוויסען האט שטארק געליטען. ער איז שול־דיג. און מיט וואס קען ער איר אפ־צאלען? — מיט גארניט...

עליזאבעט האט איצט אויך גע־שוויגען שטיל. זי האט פון פריהער געהאט אויסגעפלאנט ווי אזוי זי וועט מיט אים רעדען. זי וועט זיין צו אים מילד, און דאס וועט אויף אים ווירי־קען. ער וועט איר ניט וועלען פארלי־רען. ער וועט דערזעהן אירע גוטע איי־גענשאפטען. זי האט זיך פארגעשטעלט ווי ער וועט בעטען ביי איר אנטשול־דיגונג. ער וועט זיך פאר איר פאר־ענטפערען און צוזאגען, אז פון איצט־אן וועט ער קיינמאל איר ניט אנטוי־שען. און איצט זעהט זי גאר, אז אים ארט ניט פאר איר. זי האט זיך דער־מאנט ווי פריהער, אונטער איר ווירי־קונג, האט ער זיך גענומען ביטען. זיינע מאניערען און זיין אנטאן זיינען איצט בעסער ווי געווען. און איצט קערט ער זיך אפ פון איר.

עליזאבעט איז געווען זיכער, אז דא האט זיך ארייגעמישט אן אנדער פרוי. און מיט הארצווהטאג האט זי א קלער געטאן, אז זי האט אים צוגעגרייט פאר אן אנדערער...

— איר האנדעלט אפט אזוי, דאק־טאר גארדאן? — האט זי אים א פרעג געטאן א ביסעל סארקאסטיש.

— וואס מיינט איר „אזוי"? — האט אייב איר אנגעקוקט פארוואונ־דערט.

(ווייטערעס מארגען)

# פון בראָדוועי ביז האָליוואוד

(שלום פון פעידוש 2)

לעצטען דינסטאג, דעם 20טען יוני, האט זיך דער דריי־וואכיגער פעסטי־וועל געענדיגט. די ערשטע נאכט הא־בען די אכט הונדערט באזוכער, מער ווי העלפט פון זיי פון אמעריקע, פא־ראדירט צום קלויסטער, און די איינ־וואוינער פון שטעטעל און פון אומגע־גענט זיינען געשטאנען אויף ביידע זייטען פון דער גאס מיט ענטבלויזטע קעפ, פונקט ווי עס וואלט געווען א הייליגע פראצעסיע.

די מוזיקער און קריטיקער וואס זיי־נען דארט געווען קאנען זיך ניט גענוג אפלויבען פון דעם באך „דזשי מעי־דזשאר סוויט", וואס קאסאלס האט געשפילט אהן אקאמפאנימענט, און „די צווייטע בראנדענבורג", וואס קא־סאלס האט געשפילט מיט'ן ארקעס־טער. קאסאלס האט זיך ארויסגע־ציינט אויך פאר אן אויסגעצייכנטען דיריגענט. די מיטגלידער פון דעם צוזאמענגעשטעלטען ארקעסטער זיי־נען פול מיט ליבע־געזאנג פאר זיין טיפער פארשטענדניס פון באך'ס מו־זיק, זיין פעהיגקייט צו מאכען די מוזיקער ארויסברענגען די דעליקאטע טיילען פון באך'ס ווערק, און זיין סימפאטישע באציהונג צו די מיטגלי־דער פון ארקעסטער.

די דראמאטישסטע סצענע איז פאר־געקומען ביים שלום פון דעם פעסטי־וועל. די גאנצע דריי וואכען האבען די בייוואוינער פון דעם פעסטיוועל גע־קענט אויסדריקען זייער באגייסטערונג לויט'ן אפמאך מיט די פארוואלטער פון קלויסטער, דורך אויפשטעלען זיך. ביים ענדע פון דעם פעסטיוועל האט דער גאנצער עולם, מיט דעם בישאף פון פערפיניאן און דער שפיץ, זיך אויפגעהויבען פון די פלעצער. צו אלעמענס איבערראשונג האט דער בי־שאף, וועלכער איז געווען פאראנט־ווארטליך פאר דעם אפמאך ניט צו אפלאדירען, אויפגעהויבען זיינע הענט און אנגעהויבען צו אפלאדירען. דער עולם איז פשוט ווילד געווארען פון עקסטאז. טרערען האבען זיך געגאסען פון די אויגען פון די שפילער און פון די צוהערער.

גליקליכע מענשען זיינען געווען די וואס האבען זיך דארט געפונען.

# מעל עלענ'ס מאמע פלעגט זיך אויס־טענה'ן מיט די קו־קלוקס־קלעניקעס

(שלוס פון פעידוש 2)

מעל'ס פאטער, דזשוליוס איזראעל, וועלכער האט זיך אויסגעהארעוועט אין אלאבאמא פון קינדהייט אן, האט ניט געהאט קיין באזונדערן טראבעל מיט די קלעניקעס. זיי האבען אים גע־האלטען פאר אן „אייגענעם", א „ווייסען אידען". מעל'ס טאטע פלעגט גאנץ נישקשה'דיג דורכקומען מיט די קלעניקעס אין די שטעטלעך וואו ער האט געוואוינט. אנדערע אידען אבער, באזונדערס ניי־אנגעקומענע, וועלכע די קלעניקעס פלעגען באטראכטען פאר „פארעינערס", האבען געהאט צו זינ־גען און צו זאגען פון די פינסטער־לינגע. זיי פלעגען סטראשען אידישע געשעפטסלייט אין די קליינע שטעט־לעך און טרייבען זיי, הייסען זיי פאר־לאזען די שטעטלעך און די געשעפטען.

דזשוליוס איזראעל האט אפילו גע־האט א פאר פריינט צווישען די קלע־ניקעס.

„איינער פון מיינע שכנים, וועלכער איז געווען א גיטער קאסטאמער מיי־נער, איז געווען א גאנצער גוטער־ברו־דער מיט מיר. מיר ביידע פלעגען אפט שפילען קארטען אדער „טשעק־קערס", דערצעהלט מר. איזראעל.

„איינמאל האבען מיר ביידע באַ־טייליגט זיך אין א „מאק מערידזש", וואס איז געפראוועט געווארען ביי אן אונטערנעמונג פאר דער „סאנדעי סקול". איך בין געווען דער „חתן", און ער — די „כלה". ער איז געווען א הויכער, פעטער מאן, און מיר אלע האבען געהאט א סך „פאן" מיט דער „גראבער כלה", — דערצעהלט דזשו־ליוס איזראעל.

„אין א פאר טעג ארום האט זיך דאס שטעטעל געקאכט מיט אן אי־בערפאל, וואס די קלעניקעס האבען געמאכט איבער איינעם פון די איינ־וואוינער, וועלכען זיי האבען געשמי־סען, אויסגעשמירט מיט דזשעגאבץ און איינגעוויקעלט אין פעדערען, כדי „אנ־צילערנען אים א לעקאן", ווייל ער האט אפגעלאכט פון קלען. דער גע־שמיסענער קרבן האט אבער באוויזען ארונטעררייסען די מאסקע ביי איינעם פון די פייניגער, וועלכער איז געווען דער פירער פון מאב, און ער האט אים דערקענט. ס'איז געווען מיין „גיטער שכן", האט מיר מעל'ס טאטע דער־צעהלט.

„ס'האט זיך אויך ארויסגעוויזען, אז דער „גיטמוטיגער שכן" מיינער „קליגעל" פון קלען אין שטעטעל. ער איז ארעסטירט און גע'משפט געווא־רען און מ'האט אים פארשיקט אין פריזאן. אבער ניט איך און ניט די אנדערע אידען אין שטעטעל האבען געקענט קימען צו זיך פון שטיינען. געווען, הוכט זיך, אזא פיינער גוי, זיינט געה ווייס אז ער איז גאר א קלעניק", דערצעהלט מעל עלענ'ס טאטע.

מעל'ס מוטער פלעגט אפט אויס־קומען אויסצו'טענה'ן זיך מיט די קלעניקעס, באזונדערס מיט די ווייבער זייערע, וועלכע פלעגען איר שטע־לען אלערליי קלאץ־קשיות וועגען אי־דען און אידישע מנהגים. דעם חזנ'ס טאכטער, וועלכע איז געווען גוט באַ־קאנט מיט אידישע מנהגים, פירונגען און טראדיציעס, פלעגט זוכען אויפצו־קלערען די קליינשטעטלדיגע גוייעס, איבערצייגען זיי, אז אידען באנוצען ניט קיין בלוט אום פסח.

„איינע פון מיינע שכנ'טעס, וועלכע איז געווען א לערערין אין א סקול, האט באהויפּטעט, אז די אידען שיל־טען די גויים אין זייערע תפילות. האב איך איר איינגעלאדען זי זאל געהן מיט מיר אין שוהל אין יום כפור. איך האב איר געגעבען א מחזור מיט אן ענגלישער איבערזעצונג, געהייסען ארייננקיקען אין מחזור און זאל זי אליין זעהן, אויב די אידען שיטען קללות וחרמות אויף די גוי'אישע קעפ אדער ניט. זי האט זיך שנעל איבער־צייגט אין דער לעכערליכקייט פון די געשיכטעס וועגען אידישע קללות", האט מיר דערצעהלט מרס. איזראעל.

אבער ניט אלעמאל און ניט איבע־ראל האט מעל'ס מאמע געקענט אויס־קומען מיט די שכנ'ישע קלעניקעס אזוי גוט ווי זי איז אויסגעקימען מיט דער לערערין. אין איין פלאץ זיינען איר די קלעניקעס אריין אין די ביי־נער. איז זי איינמאל געקומען צום קריסטליכען בוטשער, ביי וועלכען זי איז געווען א גאנץ אנגעלעגטער קאס־טומער. דער בוטשער, ווי זי האט גע־וואוסט, איז אויך געווען א קו־קלוקס־קלעניק.

„גיט מיר א סטעיק, אבער פון די סאמע בעסטע. איך ערווארט היינט א געהויבענעם גאסט, האב איך געזאגט דעם בוטשער — דערצעהלט מרס. עלען.

— טאקע, ווער קומט עס צו אייך?
— האט דער בוטשער געוואלט וויסען.
— יעזוס.
— יעזוס?
— יע, ער אליין. כ'האב געהערט אז ער דארף קומען אהער. אזוי ווי ער איז א איד וועט דאך קיינער פון אייך ניט אריינלאזען אים צו זיך אין הויז אריין. וואו וועט ער געהן? וועט ער דאך דארפען קומען צו מיר. וועל איך אים געבען אפצועסען און כ'וויל האַ־בען פון דאס בעסטע", האב איך גע־זאגט איראניש.

— דער בוטשער איז רויט געווארען ער האט זיך פארטראכט א ווייל און ער האט גענומען שטאמלען אן ענט־שולדיגונג. אבער מיין איראניע האט דאך סעגטיג געהאט א ווירקונג. די שכנים אונזערע זיינען געווארען פריינטליכער נאך אט דעם אינצי־דענט" — האט מרס איזראעל פאר־ענדיגט.

ווען מעל און די אנדערע קינדער זיינען געווען קליין, פלעגט מרס. איז־ראעל־עלען אפט פארען צו איר טאַ־טען צו פארברענגען דארט איבער די אידישע יום טובים, באזונדערס די ימים נוראים. מעל'ס זיידע, וועלכער איז געווען א חזן און פלעגט דאווענען מיט בארען, האט אפט געשטעלט מעל'ן מיט'ן כאר. מען פלעגט אנטאן מעל'ן א טלית'ל מיט א יארמעלקע און ער פלעגט שטעהן מיט די אנדערע משוררים. זינגען די תפילות ווי זיי האט ער טאקע ניט געקענט, אבער ער פלעגט דאס וואס מען רופט אויפ'ן חזנ'ישען לשון העלפען „האלטען א טאן".

די ימים נוראים'דיגע שטימונגען, די ליכט, די תפילות, האבען געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף מעל'ן. ער איז געווען אן עמפפינדליכער איינגעל. האט ער זיך דאן געריסען צו ווערען „א חזן ווי זיין זיידע", דאס איז גע־ווען זיין הויפט אמביציע אין לעבען, פונקט ווי אינגלאך האבען אן אמבי־ציע צו ווערען פאליסלייט אדער בעיז־באל שפּילער.

מעל און זיין זיידע, דער חזן, זיי־נען געווען זעהר נאהענט איינער צום צווייטען. זיי זיינען פארבליבען נא־הענט אפילו נאכדעם ווי מעל איז אויסגעוואקסען און איז אוועק אין קאַ־לערדזש און דערנאך שטודירט לאא. ווען מעל האט זיך שוין געגרייט צו ווערען א לאיער, פלעגט זיין זיידע פרואווען אויפקלערען פאר אים, אז דער תלמוד ענטהאלט א סך יורים־פרודענץ.

מעל, ווידער פלעגט פרואווען אויפ־קלערען זיין זיידען וועגען בעיזבאל!

מעל איז געווען א פארקאכטער בעיזבאל ליבהאבער נאך פון זיינע קינדערשע יארען אן. די ערשטע בעיז־באל גיים זיינע האט ער געזעהן ווען ער איז אלט געווען צוויי יאר. זיין פאטער האט געדארפט זיין אין ביר־מינגהעם צוליב ביזנעס, האט ער מיט־גענומען מעל'ן און זיי זיינען אוועק זעהן א באל גיים. דער טאטע האט מכבד געווען מעל'ן מיט פינאטס, נא־שערייען און מעל איז זינט דאן פאר־קאכט געווארען אין בעיזבאל.

איצט איז מעל עלען א הויך־גע־וואקסענער, ברייט־פּלייציגער יונגער־מאן, וועלכער זעהט אליין אויס ווי אן אטלעט. אבער ווען ער איז געווען א איינגעלע, איז ער געווען קליין געוואק־סען און דאר, ווייט ניט קיין גבור. ער פלעגט זיך רייסען צו שפּילען באל. ער פלעגט דארפען קאנקורירען מיט עט־ליכע געוויקסיגע בעל־גוף'יגע שקצים, וועלכע זיינען געווען פאלגע מענער און ס'איז געווען א שווערע הלכה פאר אים. מ'האט אים ניט געוואלט צו־לאזען צום פסוק, צום פאקטישען שפּי־לען די גיים. פלעגט מען אים באַ־שטימען אדער אלס דער וואטער טרע־גער און בארינגער, אדער אלס דעם מע־נעדזשער פון טים, וועלכער פלעגט דארפען ארגאנזירען די גיימס פון זיין טים. באזארגען דעם טים מיט יוניפארמס, מענעדזשען איז מעל'ן אנגעקומען לייכטער ווי אליין צו שפּילען.

זעהר אפט פאסירט, אז „וואירלד סעריעס" ווערען געשפּילט גראדע אין די טעג ווען עס פאלען אויס די ימים נוראים. מעל'ס עלטערען פלעגען אפט קומען פון דער סאוט צוגאסט, פאר־ברענגען די ימים נוראים מיט מרס. איזראעל'ס עלטערען. איז ווען מען פלעגט שפּילען די „וואירלד סעריעס", פלעגען מעל און זיין ברודערל לארי ניט וועלען אפטרעטען פון דער ראדיא און זיי פלעגען שלינגען יעדען ווארט פון די ראדיא בראדקעסטס וועגען די גיימס. דער מאמען איז עס גארניט געפעלען געווען.

זעה נאר ווי זיי ליגען אויסגעצויי־גען אויפ'ן פלאר ביי דער ראדיא, אט ווי די כלבים איבער א ביין — האט זיך מעל עלענ'ס מאמע איינמאל באַ־קלאגט פאר איר טאטען, אנקוקענדיג אירע בנים.

דער אלטער חזן האט אבער גע־פרואווט אויפווייזען זיין טאכטער, אז עס איז ניט אזא גוואלדיגער חטא צו זיין פאראינטערעסירט אין בעיזבאל.

— ווי באלד גאנץ אמעריקע, קינד און קייט, פון פרעזידענט אן ביז'ן ני־דעריגסטען האלצהעקער זיינען פאר־אינטערעסירט דעריין, מוז דאך עפעס שטעקען אין דעם א שכל. אי, דו פאר־שטעהסט עס ניט, איז עס נאך ניט קיין באווייז אז ס'איז א נארישקייט — האט רבי אברהם ליבאוויץ געפּרואווט בארוהיגען און איבערצייגען זיין טאכטער.

שפּעטער, ווען הענק גרינבערג איז אין 1935 געווען דער בעיזבאל סטאר פון דעטראיטער טים, איז דער אלטער חזן, וועלכער האט דאן געהאט א שטעלע אין א דעטראיטער שוהל, גע־ווארען הענק'ס א פארקאכטער בעיז־באל פאטריאט.

דעטראיט האט יענעם יאר געוואו־נען דעם „פענענט" פון דער אמעריקען ליג און געשפּילט מיט'ן שיקאגא'ער טים, די „קאבס". די ערשטע גיים איז געשפּילט געווארען אום ראש השנה. הענק גרינבערג, וועלכער איז געווע־זען פרום, האט געקראגען א ספּעציעלען „היתר", אן ערלויבעניש פון א דעט־ראיטער ראבאי צו שפּילען אין דער גיים. די צייטונגען זיינען דאן פול געווען מיט דער געשיכטע.

פאר דער גיים איז הענק גרינבערג דאן געקומען אין א שוהל און האט אפגעדאווענט. דערנאך איז ער אוועק שפּילען באל. ער האט געקלאפט א „האום ראן" וואס האט געהאלפען דעם דעטראיטער טים געווינען די וויכטי־גע גיים.

גאנץ דעטראיט האט דאן געקאכט מיט דער געשיכטע. דער אלטער חזן ליבאוויץ איז נתפעל געווארען ביז גאר פון גרינבערג'ס האנדלונג פון קריי־גען דעם „היתר" און ער פלעגט עס אפט אנווייזען מעל עלענ'ען, אז „מ'קען זיין א גוטער איד און א גיטער בעיזבאל שפּילער, אין איין און דער־זעלבער צייט".

„און דאס האט אויף מיר געמאכט א שטארקען איינדרוק", בארימט זיך מעל עלען.

מעל'ס עלטערען האבען געוואוינט מערסטענס אין די קליינע שטעטלאך אין דער סאוט, וואו עס זיינען ניט געווען קיין חדרים אדער מלמדים, האבען זיי ניט געקענט געבען די קינ־דער א סיסטעמאטישע אידישע ערצי־אונג. מעל'ס מאמע, אבער, פלעגט טאן אלעס אין דער וועלט צו זעהן אז ער און זיין אינגערער ברודער, לערי, זאלען אויך וויפיל עס איז קריגען אי־דישע ערציהונג. דער טאטע איז אליין געווען א קנאפּער למדן און ער איז ניט אימשטאנד געווען צו לערנען מיט זיי אידיש. פלעגט די מאמע פרואווען אפזוכען צווישען די עטליכע אידען וואס האבען געוואוינט אין די שטעט־לאך אימיצען א שטיקעל יודע ספר, וואס זאל קענען לערנען מיט עלענ'ען.

באזונדער באזארגט איז מרס. איז־ראעל געווען, ווען מעל'ס בר מצוה האט זיך גענומען דערנעהענטערען.

ווען מעל עלען איז אלט געווען א 10־11 יאר, האבען זיינע עלטערען געוואוינט אין דער שטעטעל בעסע־מער, אלאבאמא. עס האבען דארט גע־וואוינט בלויז א 5־6 אנדערע אידישע משפחות. איינער פון זיי, מר. בלאק, וועלכער איז געבוירען געווארען אין ירושלים און איז געקימען קיין אמע־ריקע שוין אלס אן ערוואקסענער, האט געגאלטען אלס א גאנצער למדן ביי די אנדערע דארטיגע אידען.

— האב איך נאכ'ן אנקומען אין בעסעמער געווענדעט זיך צו מר. בלאק'ען און געבעטען אים, אז ער זאל איינלערנען מעל'ן אביסעל עברי און דאווענען פון סידור. בלאק האט אנפאנגס געפרואווט אפזאגען זיך. ער האט באהויפטעט, אז ער איז א ביז־נעסמאן און ניט קיין מלמד. האב איך איהם דאן גענומען מוסר'ן:

— ווילט איר אז ער זאל אויסוואק־סען א גוי גמור? ס'וועט פאלען אויף אייער קאפּ!

— און כ'בין אים אזוי לאנג דער־גאנגען די יארען, אז ער האט געמוזט איינשטימען און ער האט א שטיקעל צייט געלערענט מיט מעל'ן — דער־צעהלט מרס. איזראעל.

אין נעקסטען ארטיקעל וועט דער־צעהלט ווערען ווי אזוי די אידישע קהלה פון גרינסבארא, נארט קאראליי־נא, האט אנגעבאטען זיך צו שיקען מעל'ן אין סינסינעטי, ער זאל ווערען א רעפארם ראבאי.

(ווייטערס מארגען)



# אידישע פירער פון גאנצען לאנד האבען ארגאנזירט צו פארען מיט ראזענטאל'ס ישראל טור

דער בארימטער רייזע־עקספערט כר. מאקס ראזענטהאל, אייגענטימער פון דער מאקס ראזענטהאל ביורא און עקספרעס פעקעדזש שיפינג קאמפאני און אמעריקע, 79 נארפאלק סטריט, ניו יארק, וועלכער האט אזוי ערפאלג־רייך דורכגעפיהרט די גרויסע פסח־רייזע קיין ישראל, וועט ווידער אמאל פערזענליך אנפירען מיט א ראש השנה עקסקורשאן קיין ישראל אויף דער באקוועמער שיף „נעפטוניא", דעם 11טען אויגוסט. איר וועט פארברענ־גען אין ישראל ראש השנה, יום כפור און סוכות, און איר קעט קומען צוריק ווען איר ווילט.



פרעגט די, וועלכע זיינען געפארען מיט ראזענטהאל'ס פסח־טור, און זיי וועלען אייך זאגען, ווי מאקס ראזענ־טהאל פארברענגט מיט זיינע מיט־רייזענדע, און גיט פערזענליך אכטונג אויף דער באקוועמליכקייט פון די מיטפארער.

מאקס ראזענטהאל מאכט אויך באַ־קאנט, אז ער האט נאר וואס געקרא־גען אן ערלויבעניש צו שיקען 4 פאר־שיידענע כשר'ע שפייז־פאקעטען, וואס ווערן זאפארט דעליווערט אין ישראל.

מאקס ראזענטהאל אפעלירט צו זיי־נע קאסטאמערס פריינט און דעם כלל ישראל, ניט צו פארגעסען צו שיקען כשר'ע שפייז־פעקלעך קיין ישראל, סאוועט־רוסלאנד, פוילען, אונגארן, רומעניע, דייטשלאנד און אלע אנדערע לענדער, דיוטי אפגעצאלט דא.

אויך פרידזשידעירס, ניי־מאשינען, ראדיאס, טייפראיטערס, וואש־מא־שינען, אויוועגס, אויטאמאבילס, א. אז. וו., ווערען געשיקט קיין ישראל.

איר מוזט גלייך מאכען רעזערוועי־שאנס פאר דער „לאגווארדיא", וואס פארט־אפּ פון ניו יארק דעם 3טען דזשולאי, 3טען אויגוסט און 5טען סעפטעמבער. אויף דער „נעפטוניא", דעם 30טען דזשון, 11טען אויגוסט און 22טען סעפטעמבער, און ספּעציעל פאר דער ראש השנה עקסקור־שאן.

אויב איר ווילט פארען דורך איי־ראפּע מיט קווין מערי, קווין עליזא־בעט, איל דע פראנס, אמעריקא, מוזט איר אויך גלייך באשטעלען טיקעטס, ווייל אום זומער איז אונמעגליך צו קריגען שיפסקארטען.

איר זייט ניט באגרענעצט מיט אייער באזוך אין ישראל, איר קענט צוריקקומען ווען איר ווילט. אויב איר ווילט, אראנזשירט מאקס ראזענ־טהאל פאר אייך א האטעל מיט דריי מאלצייטען א טאג אין ישראל.

קומט, שרייבט, טעלעפאנירט אדער טעלעגראפירט צו מאקס ראזענטהאל, 79 נארפאלק סט., ניו יארק, טעלעפאן ארטשארד 4—3382. *)



# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקע

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

— איך מיין דאס ווארפען זיך מיט ווערטער, מיט צוזאגען.

— א, וועלל, — האט איוב גע־ענטפערט פארלארען.

עליזאבעט האט אויף אים א קוק געטאן מיט אירע קליינע, ביסטרע אויגען, ווי גלעזערנע. און איוב האט זיך געוואונדערט, ער האט גאר קיינ־מאל ביז איצט ניט באמערקט וואס פאר א סארט אויגען זי האט.

— וועלל, דהאט'ס דהאט (אזוי איז דאס), — האט עליזאבעט זיך אפ־גערופען מיט אן אומעטיגען קול, ווי רעזיגנירט.

איוב האט זיך אויפגעהויבען פון ארט.

— איר געהט שוין אוועק, דאקטאר גארדאן? — האט זי אים נאכגעפרעגט.

— יע, איך געה שוין אוועק. — איז ער געשטאנען פאר איר מיט זיין הוט אין דער האנט.

עס האט זיך אים זיך געגלויבט, אז אלץ איז שוין דורך, און אזוי גיך. אהן געשרייען, אהן סקאנדאלען. זאל ער איר דאנקען פאר אלץ? בעסער ניט. ער וועט נאך אפשר מאכען ערגער. ער האט שוין געפיהלט א טויזענט מייל ווייט פון איר. ווען ער האט איר א נעם געטאן פאר דער האנט, געזאגט איר „גוד־באי!" ער איז ארויסגעלאפען אין גאס. געבליבען שטעהן א ווילע און אריינגעאטעמט אין זיך די קיהלע, נאכטיגע לופט.

ער האט געוואוסט, אז עס זאל שוין זיין מארגען. ער זאל קענען אפרו־פען עלינאר'ן און באשטעלען מיט איר א „דייט".

## קאפיטעל איין־און־פופציג

עס האט זיך ניט גערעדט פון חתונה האבען ביי עלינאר'ן און איוב'ן. נאר ביידע האבען איצט געפיהלט, אז זיי באלאנגען איינער צום אנדערען, אז קיינמאל וועלען זיי מער ניט דארפען זיך צעשיידען. אהן באזונדערע רייד האבען זיי דאס ביידע געפיהלט. און אז זיי האבען זיך איינגעקוקט איינער אין אנדערען, האבען זייערע בליקען אויסגעדריקט ליבשאפט און פרייד.

איוב איז אין יענע טעג ארומגעגאנ־גען אזא פארטראגענער, א גליקליכער, און אז מען האט צו אים גערעדט, האט ער בכסדר געשמייכעלט, ווי א צעררי־דערטער.

זונטאג איז געווען די צייט ווען ער איז געפארען אין די בראנקס צו פאר־ברענגען דעם טאג מיט עלינאר'ן. ער איז געקומען אין די בראנקס א סך פרי־הער ווי ס'איז געווען אפגערעדט. ער איז פארבייגעגאנגען דאס הויז, וואו עלינאר האט געוואוינט. ארויפגעקוקט צו די פענסטער פון איר וואוינונג. וואס טוט זי איצט, עלינאר? ער ווייס, אז זי אויך וויל אים שוין וואס גיכער זעהן.

אט'דאס הויז, וואו עלינאר האט גע־וואוינט איז פאר אים אלע מאל געווען א בישופ'דיגער פלאץ, וואו ביז איצט איז אים ווי געווען פארבאטען ארייג־צוקומען. און פארבייגעהענדיג עס, האט ער יעדעס מאל געפיהלט די בענקשאפט און דעם ווייטאג פון ניט־דערגרייכטע פארלאנגען. איצט האט ער צו דעם הויז געהאט א צוטריט. ער האט געוואוסט, אז איצט ווארט מען דארט אויף אים.

און אט איז ער שוין אינעווייניג אין שטוב. אי עלינאר, אי בעלא נעמען אים אויף הארציג. „יוארס. — זעץ זיך, איוב. מיר וועלען באלד עסען מיטאג.

איוב גיט א ווארף־אראפּ פון זיך דעם מאנטעל און דעם הוט, און ער גיט זיך א זעץ אוועק וואו עס מאכט זיך. אמאל איז דאס אויף עלינאר'ס א קלייד, אדער אויף א פרישער צייטונג, און אמאל זעצט ער זיך אויף זיין אייגענעם מאנטעל.

— א, איוב, — צעלאכט זיך עלי־נאר — ווען וועסטו שוין זיך אויס־לערנען גוטע מאנירען?

— קיינמאל ניט! — גיט ער איר אן ענטפער אנטקעגען, אויך מיט א געלעכטער.

געווען זיינען מינוטען, ווען דער שטילער און ערנסטער איוב האט אזוי ווי פארלארען זיין גלייכגעוויכט און ער האט געקענט א שטיף־טאן ווי א איינגעל. ער איז געווען פרעהליך און געלאכט הויך אויפ'ן קול, ער האט גע־קענט א נעם טאן עלינאר'ן ווי זי איז געזעסען אויף א שטול און א הויב טאן זי אין דער לופטען מיט'ן שטול אינאיינעם.

ליבע קען אויפטאן וואונדער. איוב האט איצט געבראוזט מיט לעבען און ליסט. און אי עלינאר, אי בעלא, די מאמע אירע, האבען זיך געוואונדערט ווי זיין גאנצער אויסזעהן האט זיך איצט געביטען. ער האט אויסגעקוקט שעהן, מיט א סארט גייסטיגער שעהנ־קייט. געווען מינוטען, ווען זיי זיינען ביידע געזעסען אינטים און צווישען זיך כמעט ניט גערעדט נאר איינציגע, אפגעריסענע ווערטער. ביידע צוגע־שטילטע, פארטיפטע אין זיך. איוב האט מיט קיין זאך ניט אזוי אויסגע־דריקט זיין ליבע צו איר, ווי גלעטענ־דיג מיט זיין האנט אירע שיינענדיג, געלאקטע האר, אדער ווען ער האט צו־געטראגען איר האנט צו זיינע ליפען און איינציגווייז באקוקט אירע דינע פינגער און זיי געקושט.

דעמאלט איז א מארגע רוהיגקייט אריבער איבער עלינאר'ס געזיכט. איר בליק האט זיך אויסגעגלייטערט, פאר־טיפט. זי האט געזעהן ווי ביי איוב'ן, אונטער זיין שטילקייט און איינגע־האלטענקייט, לעבט א טיפער געפיהל, א הארץ, וואס קען שטארק ליב האבן. איוב איז א מענש מיט א שעהנער נשמה. זי האט מסתמא געדארפט דורכ־געהן יארען פון ליידען, אז זי זאל דאס קענען פארשטעהן.

עס האט זיך איצט עלינאר'ן ארויסגעוויזען ווי זי וואלט לאנגע יארען ארומגעוואנדערט און געבלאנדזשעט, און זי האט ניט געוואוסט וואס זי דארף טאן און וואס מיט איר איז. און איצט האט זי ענדליך זיך געפונען. „אז איוב איז מיט איר, וועט זי שוין ניט מאכען קיין פאלשען טראט" — האט זי אן איינגערוהיגטע געגעבען א טראכט. ווען זי איז אזוי מיט אים גע־זעסען איז אן אינטימער מינוט.

עלינאר האט מיט א ציטער אין הארצען זיך יעדעס מאל דערמאנט אן יענעם שבת פארנאכט, ווען זי איז גע־זעסען ביים פענסטער איינע אליין און זי האט מיט אמאל איוב'ן דערזעהן געהענדיג אין גאס צוזאמען מיט איי־נער א מיידעל. ווי זי איז דאמאלט גע־ווען באשלאפען, אז זי איז נאך דעם וועלבען אוועגט זיך זעהן מיט אים. דער אינסטינקט האט זי געפירט אויף דעם ריכטיגען וועג. זי האט שוין שיער ניט געהאט אים פארלארען, איוב'ן, ווען ניט דער צופאל וואס זי האט אים דערזעהן דורכ'ן פענסטער. עלינאר האט איצט א סך מאל זיך פארגעוואורפען ווי עגאאיסטיש און שלעכט זי איז דאס געווען. עס האט געדארפט קומען אן אנדער מיידעל. און דעמאלט ערשט איז איר איוב טייער געווארען. און זי האט געפילט, אז זי טאר אים ניט פארלירען.

(ווייטערס מארגען)

# וואס קומט פאר אין קארעא?

(שלוס פון עדיטאריעל פעידוש)

ער האפט צו קריגען א פאר לענדער אהן דער גרויסער מלחמה. און אט דאס איז זיין סטראטעגיע.

ווי געזאגט, זיינען דאס אלץ השערות, ניט מער. ווער פון אונז ווייס וואס עס טוט זיך אין דער אמת'ן אין די חדרי־חדרים פון די גענעראל־שטאבען, די אינטעליגענס סערוויסעס און די סטעיט־דעפארטמענטס?! אבער אהן גענויער אינפארמאציע קען מען אזעלכע ענינים ניט אנאליזירען מיט א טאלק.

עס קען זיין, אז אלץ וואס איך זאג דא, וועט קומען פונקט קאפויר. אבער אויב די וועלט געהט לויט דעם, ווי מיר זיינען אינפארמירט, האלט איך, אז דערווייל וועט אלץ געהן אויף אזעלכ־ערד „רוהיגען" וועג. אין קא־רעא וועט מען זיך שלאגען, אמעריקע שיקט געווער און וועט שיקען נאך מער, רוסלאנד וועט שיקען מענשען און געווער (דורך קאמוניסטישער כי־נע), און עס וועט געהן א „גריכישע טראגעדיע" אויף א קארעאישען שטיי־גער. און אויב דאס אלץ ענדיגט זיך מיט א זיג פאר סטאלינ'ען, איז דאס א געוואלטיגע סכנה פאר אמעריקע.

ערשטענס, איז אפילו א קליינער פייער—א פייער, און ברען־מאטעריאל ליגט אין אזיע גענוג: אויף די גאסען און וועגען. פון דעם קליינעם פייערל קען אמאל ווערען א גרויסע שרפה. און קיינער קען ניט זאגען אויף גע־וויס ווי אזוי און ווען דאס וועט קימען.

נאך ערגער איז אזא זאך: אמע־ריקע קען ניט „אפארדען", אז דרום־קארעא זאל איינגעשלונגען ווערען פון רוסלאנד. אויב סטאלין קען אינמיטען העלען טאג ארויסנעמען פון דער אמעריקאנער „ספערע", ניט געקוקט אויף אמעריקאנער שוץ, א גאנצע מלוכה, איז ווער וועט דעמאלט נאך גלייבען אין אמעריקאנער גאראנטיע? יעדע קליינע מלוכה וועט זוכען צו מאכען א „דיל" מיט רוסלאנד, ווייל אויף אמעריקע קען מען זיך דאך ניט פארלאזען. זי זאגט־צו, גיט גאראנ־טיעס, שיקט אביסעל געלט און גע־ווער, אבער ווען עס קומט די ביטערע שעה, שטעהט זי אין א זייט און טענה'ט, אז „דער קאנגרעס ערלויבט ניט."

אמעריקע טאר ניט ארויסווייזען קיין שוואכקייט אין דער הילף צו קארעא. מען מוז שיקען גענוג געווער, מאטעריאל און אינסטרוקטארען, וואס זאלען העלפען און אנפירען מיט די ניט־געניטע קארעער. ווארים ריסישע גענעראלען און אינסטרוקטארען זיצען שוין לאנג אין צפון־קארעא — עכט־רוסישע, אדער סאוועטיש־ערצויגענע כינעזער. טא צו וואס זאל מען זיך שעמען?!

אי, רוסלאנד קען אין כעס ווערען און אנהויבען צוליב דעם א קריג? איין זאך איז פאר מיר קלאר: אויב סטאלין האט זיך טאקע ענטשלאסען צום גרויסען קריג, וועט ער אים אנ־הויבען ביי דער ערשטער פריטשעפּקע, און א פריטשעפּקע, א תירוץ, וועט ער שטענדיג געפינען, אדער אליין צו־טראכטען; איז ער אבער ניט גרייט צום קריג, וועט ער צוליב קארעא קיין קריג קיינמאל ניט אנהויבען. הייסט עס, אז עס איז ניט וויכטיג וואס אמע־ריקע זאל ניט טאן אין קארעא — פון סטאלינ'ס שטאנדפונקט. אבער פון וועלט־שטאנדפונקט איז אויסער־געוועהנליך וויכטיג, אז אמעריקע זאל ניט דערלאזען, אז דרום־קארעא זאל [illegible]

[illegible]

וועטישע אינוואזיע פון גאנץ אזיע.

אויב אמעריקע קען דאס ניט טאן — בלייבט בלויז דער פאלגענדער וועג: פירען דעם קריג אין קארעא מיט אלע כוחות, און אים גיך געווינען — שיקען אהין אמעריקאנער אוויא־ציע, טאנקס, אפיצירען און אינזשינע־רען, און זעהן, אז די קאמוניסטען זאַ־לען וואס גיכער פון דארט ארויס.

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע ••• פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— איוב, ווער איז דאָס געווען די מיידעל, וואָס איך האָב דיך איינמאָל געזעהן געהענדיג מיט איר? — האָט עלינאָר ביי אים געפרעגט. — דו האָסט מיר קיינמאָל ניט דערצעהלט וועגען איר. איך וויל וויסען.

נאָר איוב האָט זיך געהאַט זיינע סודות און ער האָט איר ניט געוואָלט דערצעהלען פון דער געשיכטע מיט עליזאַבעט׳ן. ניט איצט. ער האָט נאָך צייט.

— ס׳איז אַ מיידעל, גלאַט אַזוי, אַ באַקאַנטע. — האָט ער געשמייכעלט אביסעל פאַרלאָרען.

און עלינאָר איז שוין מער ניט צוגע־שטאַנען מיט קיין פראַגעס. זי האָט אים געגלויבט. איוב וועט איר קיינ־מאָל ניט פאַרראַטען. זי קען אים צו גוט. און קיינמאָל וועט זי ניט דאַרפען אין אים זיך אַנטוישען.

געווען מינוטען ווען עס זיינען איר צוריקגעקומען דערמאָנונגען פון איר דורכגעאַנגענעם וועג. מיט די אַנטוי־שונגען און די ליידען. דעמאָלט האָט ווי אַ כמאַרע זיך איבער איר פאַרצוי־גען און איר געמיט איז געוואָרען שווער. און אַז איוב איז געקומען צו געהן, האָט ער איר געטראָפען זיצענדיג צונויפגעדרייט אין אַ ווינקעל פון אַטאַ־מאַנע אַ פאַרקלערטע, מיט אומעט אין אירע אויגען.

— קום, מיר וועלען געהן אביסעל אין גאַס, — האָט ער איר געזאָגט. — עס איז אַ שעהנער אָווענט.

— איך וועל ניט געהן, — האָט עלי־נאָר געענטפערט קאַפּריזנע.

— נעווער מאַינד׳ דו ווילסט ניט, איך וויל! — האָט ער אויף איר אַנגעשריען ווי אויף אַ צעפּעשטשעט קינד. ער האָט איר אַ ציה געטאָן פאַר דער האַנט זי זאָל זיך אויפהויבען פון אָרט. עלינאָר האָט אים געגעבען אַ קוק אַן פאַרוואונדערט. אַזאַ האָט זי געוואָלט ער זאָל זיין. אַ מענש מיט אַ פעסטען כאַראַקטער. זי האָט אים אַרומגענומען און צוגעבויגט איר קאָפּ צו זיין אַקסעל.

— אָ, איוב, אַי עם סאָ סילי... — (איך בין אַזוי נאַריש).

און ער האָט פאַרשטאַנען. איוב איז געווען פאַרליבט אין עלינאָר׳ן. נאָר ער איז ניט געווען בלינד. ער האָט גוט גע־וואוסט די מעלות אירע און אירע חסרונות. זי האָט געקענט זיין קאַפּ־ריזנע און שלעכט און עגאָאיסטיש. נאָר ער האָט צו־גוט געקענט איר לעבן, די אורזאַכען, וואָס האָבען אפשר איר געמאַכט צו זיין אַזאַ. איר היים, און ווי זי האָט געליטען. זיי האָבען זיך דאָך געקענט ווען זיי זיינען נאָך קליינע קינדער געווען. איוב האָט ליב געהאַט אַמאָל צו דערמאָנען זיך פון יענער צייט:

— דו געדענקסט, עלינאָר, ווען מיר זיינען ביידע אין סקול געגאַנגען? איך האָב דיר געהאָלפען מיט אַריטמעטיק. דו האָסט געהאַט אַ פאַרשטאָפּטען קאָפּ.

— און דו געדענקסט, איוב, ווי דו האָסט אַרויסגענומען מיינע ביכער פון האַנט און געהאָלפען מיר טראָגען עס ביז אין שטוב? — האָט עלינאָר זיך אויך דערמאָנט.

— דו ביזט נאָך איצט אויך אַ קינד, — האָט איר איוב געזאָגט. און עלינאָר האָט זיך געלאַשטשעט צו אים. עס האָבען אים אויסגעפעלט ווערטער:

— עלינאָר, טייערע מיינע, מיין טייערע — האָט ער נאָר געקענט אַרויס־ריידען.

פון זיין שטימע, פון דעם טאָן פון זיין ריידען, איז איר האַרץ דערוואַ־רעמט געוואָרען, גענומען אַפגעהן. און אַנהויב, אַז זיי זיינען זיך צונויפגעקו־מען, האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי איז הויל, אויסגעלעדיגט פון יעדען גע־פיהל, און אַז קיינמאָל וועט זי שוין ניט קענען ליב האָבען אימעצען. אָבער איוב מיט זיין גוטסקייט און אידעלקייט האָט אויפגעוועקט אין איר נייע געפיהלען, אַ נייע סאָרט לי־בע — אַ געלייטערטע, אַזאַ, פון וועל־כער זי האָט נאָך ביז איצט קיין אהנונג ניט געהאַט.

עלינאָר האָט געטראַכט, אַז איצט איז געקומען די צייט, אַז איר טאַטע־מאַמע זאָלען מאַכען שלום צווישען זיך און צונויפקומען זיך צוריק. זי וועט דאָס פון זיי פאָדערען און מאָ־נען, אַז צוליב איר זאָלען זיי דאָס טאָן. זי האָט געפיהלט, אַז איר גליק וועט ניט זיין פאָלקאָם, סאַידען דער טאַטע אירער וועט זיך אומקערען צוריק אהיים. עלינאָר האָט געטראַכט און געטראַכט פון אַזאַ פּלאַן, ווי אַזוי זי זאָל דאָס דורכפירען. זי האָט אַזוי ווי געפיהלט אויף זיך אַ חוב דורכ־צופירען די מיסיע פון צונויפברענגען איר טאַטע־מאַמע און עס זאָל ווערען שלום צווישען זיי.

סעם ריווקין, דער טאַטע עלינאָר׳ס, האָט דורכגעלעבט שווערע טעג פון גריזאַטע און האַרצוועהטאָג. ער האָט נאָך דערווייל פון גאָרניט ניט גע־וואוסט. פריהער האָט ער זיך געגע־סען דאָס האַרץ. ווען ער האָט זיך דערוואוסט די שלעכטע נייעס, אַז עלינאָר איז זיך צעגאַנגען מיט לאַ־רי׳ן און עס איז געוואָרען אויס שידוך. און שפּעטער, אַז עלינאָר איז זיך צונויפגעקומען מיט סאַני׳ן, האָט זי גאָר וועניג זיך געוויזען פאַר איר טאַטען, און זי האָט אים דעמאָלט גאָרניט דערצעהלט פון זיך. זי פלעגט אַריינפאַלען צו אים אויף אַ קורצער ווײַלע, ער זאָל נאָר זעהן אַז זי איז געזונט און ער זאָל זיך וועגען איר ניט זאָרגען.

סעם האָט זיך אַליין באַשולדיגט אין דעם, וואָס מיט עלינאָר׳ן איז ניט אַזוי גוט. ער האָט איינמאָל גע־גרייזט, געמאַכט אַ פאַלשען שריט און איבערגעלאָזען זיין היים אויף הפקר. און איצט קען מען שוין דעם פעהלער ניט פאַרריכטען.

פאַרוואָס איז סעם די אַלע יאָרען ניט געקומען אַמאָל צו זיין אייגענער היים, צו זיין ווייב און קינד, און זעהן ווי זיי לעבען? די וואָס האָבען סעמ׳ן נאָענט געקענט האָבען אפילו זיך גע־וואונדערט. ער איז דאָך געווען אַ מענש אַ פאַראַנטוואָרטליכער און פון דער נאַטור אַ פאַמיליען־מאַן. עס איז אויף דעם געווען אַן ענטפער, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט, אויסער סעמ׳ען אַליין. אַ מיידעל, סאָפי, איז דאָ געווען פאַרמישט. דאָס איז גע־ווען די זעלביגע סאָפי, וואָס סעם האָט מיט איר אין איין שאָפּ געאַר־בייט. און יאָרען־לאַנג זיינען זיי איינע אַנטקעגען די אַנדערע געזעסען ביי זייערע מאַשינעס. זיי האָבען זיך ליב געקראָגען, סאָפי און סעם. און כאָטש זיי האָבען צווישען זיך קיינ־מאָל פון זייער ליבע ניט גערעדט, האָבען ביידע געוואוסט, אַז דאָס איז אַזוי.

סאָפי איז געווען אַן עלענדע מיי־דעל. זי האָט געוואוינט מיט איר אַל־טער מאַמען, און מיט אירע פאַר־דינסטען האָט זי אויפגעהאַלטען די היים. און סעם, וואָס האָט יע אַמאָל געהאַט אַן אייגענע היים, איז דעמאָלט אויך ניט געווען גליקליך. בעלאַ איז געווען אַ שרייערקע, אַ מאַנערקע. זי איז געווען צופיל זיכער מיט זיך. און אירע אַמביציעס וועגען אַרויפּאַר־בייטען זיך און ווערען רייך זיינען אים פרעמד געווען. און סאָפי איז געווען אַ שטילע, אידעלע נשמה. זי האָט געהאַט אַזאַ אויסזעהן, ווי דאָס שלעכטע אין לעבען האָט נאָך איר ניט באַרירט. אירע מילדע אויגען, שוואַרצע ווי סאַמעט, האָבען געקוקט מיט צוטרוי אויף יעדען איינעם. זי האָט געהאַט אַ גוטען, האַרציגען שמייכעל, און סעם האָט ליב געהאַט אָט־דעם סאָרט שמייכעל אירען. און אַ סך פריידיגע מינוטען האָבען זיי ביידע דורכגעלעבט, ווען נאָר זיי זיי־נען געווען צוזאַמען.

(ווייטערס מאָרגען)

## רעוויזיאָניסטען אין ענגלאַנד שטיצען מאיר גראָסמאַנ׳ען

לאָנדאָן, יוני 26 (איטאַ). — די עקזעקוטיווע פון ציוניסטען־רעוויזיאָ־ניסטען אין ענגלאַנד האָט באַשלאָסען צו שטיצען מאיר גראָסמאַנ׳ען אַלס פירער פון דער פּאַרטיי אין איינקלאַנג מיט דער פּאָליסי, וואָס איז אינדאָר־סירט געוואָרען אויף דער אייראָפּעאי־שער רעוויזיאָניסטישער קאָנפערענץ.

די עקזעקוטיווע האָט אויך באַשלאָ־סען צו אָנערקענען דעם „ברית הצוהר", וואָס וועט אָרגאַניזירט ווע־רען אַלס אומאָפּהענגיגע פּאַרטיי אין די ראַמען פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אַלס די איינצי־גע אַטאָריזירטע פאָרטרעטערשאַפט פון וועלט־רעוויזיאָניזם. אין דער זעלבער צייט האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסען איבערצורייסען די באַצי־הונגען מיט דעם „איגוד חירות























# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

מען קען זאָגען אויף זיכער, אז דאס האט סעמ׳ען אפגעהאלטען פון דעם, אז ער זאָל זיך אמאָל ווייזען ביי אים אין דער היים. ער איז ניט געווען גרייט אויף מאכען צוריק גוט זיין צוזאמענלעבען מיט בעלא׳ן, וואס ער אליין האט איבערגעריסען. געווען צייטען ווען סעם האט גע׳חלום׳ט צו פאַרבינדען זיך מיט סאפיע׳ן אויף אלעמאָל, אז זיי זאָלען ווערען מאן און ווייב. זי איז געווען זיין גלייכען. נאָר ניט סאפיע און ניט ער זיינען געווען פון די מענשען וואס לאָזען זיך אויף אזעלכע וועגען צו האבען נאָר זיך אליין אין זינען. סעם האט ניט גע־קענט מאכען אזא שריט צוליב עלי־נאָר׳ן. זיין געוויסען וואָלט אים קיינ־מאָל ניט געגעבען קיין רוה, אויב עלינאָר וואָלט אים דורכדעם געגומען האָסען, און סאפיע איז דאך געווען אן איידעלע נשמה, צו־איידעל צו טאָן אימיצען שאַדען. זי האט ניט געוואָלט בויען איר גליק אויף אימיצענס לייד[ען]...

געוועז אפילו א צייט ווען סאפיע אליין האט צוגערעדט סעמ׳ען, אז ער זאָל זיך אומקערען צוריק צו זיין היים. און איינמאָל האט זי אים געזאָגט:

— סעם, איר טוט ניט גוט. איר האט געדאַרפט אמאָל זיך זעהן מיט אייער ווייב, קומען אהין.

— איך ווייס, סאפיעלע, — האט ער איר אויף דעם געזאָגט. — אבער דו ביסט אויך שולדיג. דו ביסט מיר צו־טייער...

— סעם, רעדט ניט אזוי, איך בעט אייך. — האט זי אים נאָר געקענט זאָגען.

עס איז געווען א ליבע אהן האפע־נונג. און די יאָרען זיינען דערווייל געגאנגען, און אין סאפיע׳ס אויס־זעהן האבען זיך גענומען ווייזען סימנים פון פאַרוועלקען, כאטש זי איז נאָך געווען געגוג יונג, אין די פריהע פערציגער יאָרען. אין איר שעהנעם קאפ שווארצע האָר זיינען שוין גע־ווען א סך זילבערנע פעדים, און אין איר גוטען, הארציגען געלעכטער האט זיך אריינגעכאפט אן אומעטיגע נאָטע, נאָר די אויגען אי־ע זיינען נאָך אלץ געבליבען יונג, מילדע מיט א וואָרי־מען שיין.

און ביי סעמ׳ען איז דער געמיט בסדר געווען באשווערט צוליב דעם צווייענדיגען געפיהל וואס ער האט דורכגעלעבט. די פליכט צו זיין פאַר־לאָזענער היים, צו זיין ווייב און זיין איינציגער טאכטער, און זיין געפיהל צו דעם מיידעל סאפיע. זיי האבען זיך נאָך אלץ אזוי ליב געהאט ווי געווען.

שפעטער האט סאפיע׳ן זיך גע־מאכט א שידוך. עס איז געווען א מאן שוין ניט זעהר יונג, אן אלמן מיט צוויי קליינע קינדער. ער האט פאַר־דינט גוט און ער האט סאפיע׳ן גע־זאָגט, אז נאך דער חתונה וועט זי מעהר ניט דאַרפען ארבייטען אין שאפ.

— ער האט צוויי קינדער, — האט סאפיע סעמ׳ען דערצעהלט, ווי זי וואָלט וועלען מיט אים זיך האלטען אן עצה. — די קינדער זיינען עלענט. זיי דאַרפען האבען א מאמע.

און סעם האט א שוויינגענדיגער צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ, ווי ער וואָלט איינגעשטימט מיט איר.

אינגיכען איז די חתונה געפראַוועט געוואָרען, און אין שאפ, וואו סאפיע האט יאָרען־לאנג געארבייט, האבען חברה באלמעלאכעס געמאכט א גרויסע פארטי אינמיטען פון דער אר־בייט, מען האט זיך צונויפגעלייגט געלט און געקויפט פאַר סאפיע׳ן שעהנע מתנות. סעם איז אויך געווען ביי דער פארטי, און אינמיטען פון דער שמחה איז סאפיע צוגעגאנגען צו אים. אירע אויגען זיינען געווען פאַרלאָפען.

— סעם, — האט זי אים גע־זאָגט, — קען דאָס זיין, אז מיר וועלען זיך שוין מער ניט זעהן?

— איך ווינש דיר גליק, סאפיעלע, — האט סעם געהאלטען איר האנט אין זיינער. — אז דיר זאָל מיט אן אמת זיין גוט. — זיין קול איז געווען געבראָכען ווען ער האט עס איר געזאָגט.

### קאפיטעל צוויי־און־פופציג

סעם ריווקין איז אין יענע טעג ארומגעגאנגען דערשלאָגען און אהן מוט. סאפיע האט אים אויסגעפעלט, די ליבטיגקייט פון אירע אויגען, איר וואַרימער שמייכעל. ער האט נאך איר געבענקט. אז ער איז געקומען אין שאפ, האט דארט אנטקעגען אים, ביי דער מאשין, אים אויסגעזעהן ליידיג, כאטש דארט איז שוין געזעסען אן אנדער פרוי, אן איטאליענערין.

דער איינציגער אינטערעס וואס איז פאַר סעמ׳ען איצט פאַרבליבען איז געווען די ארבייט אין די ארגאניזא־ציעס וואו ער האט באלאנגט. די מיטינגען ביי די לאַנדסלייט און אין דער יוניאן, און גאנץ אפט האט מען געקענט זעהן ווי ער קוקט אין קא־לענדאר אויסצוגעפינען ווען ער דאַרף האבען א מיטינג. דארט צווישען די סך פריינט זיינע, האט ער זיך דער־פיהלט געהויבען, דערוואָרעמט, ווייל סעם האט ליב געהאט מענשען און זיי האבען אים ליב געהאט. עפעס איז נאך אין סעמ׳ען פאַרבליבען פון דעם היימישען גייסט, און ער איז ניט פאַרטייבט געוואָרען דורך דעם רעש פון דער גרויסער שטאט. ער האט געהאט אן אינטערעס פאַר יעדען מענש באזונדער און א וואַרעמען גע־פיהל פאַר יענעמס אינטערעסען.

אין דער יוניאן, וואו סעם האט בא־לאנגט, האט מען מיט זיין ווארט זיך גערעכענט, און שטענדיג האט מען אים אויסגעקליבען אין וויכטיגע קא־מיטעס פאַר ארבייטער־ענינים, אדער צו זיין א דעלעגאט צו אן ארבייטער קאנפערענץ. און דארט האט סעם גע־האלטען א רעדע, אדער ער האט אזוי „גענומען א ווארט", און עס איז געווען וואס צו הערען, ווייל יעדער ענין פון וואס ער האט גערעדט איז געווען ביי אים גוט דורכגעטראכט און דורכ־שטודירט. סעם האט בסדר געלייענט די צייטונגען און זשורנאלען, און ער האט געהאלטען די אויגען אפען אויף דעם, וואס עס טוט זיך ארום אים.

קיין פירער אין א יוניאן איז סעם ניט געוואָרען. ער האט עס אליין ניט געוואָלט. ער האט געזאָגט וועגען זיך, אז ער וויל זיין א פרייער מענש, און אז א פירער, וואס ווערט איינגעזעסען אויף זיין דזשאב, איז אים שוין שווער צו זעהן דעם איינצעלנעם מענשען. סעם איז, ווייזט אויס, ניט באשאפען געוואָרען פון דעם שטאף. געווען מענ־שען וואס האבען ווייניגער געוואוסט ווי סעם און אויך געווען ניט אזוי ערנסט צו דער זאך ווי ער, און זייערע נעמען האבען זיך ארויסגע־רוקט פאראויס, אבער ניט סעמ׳ס.

נאָר סעמ׳ען איז דאס ניט אנגע־גאנגען. אים האבען גאָר געארט אנ־דערע זאכען. ער האט געזעהן ווי די ארבייטער האבען שוין אויפגעטאן א סך. די קורצע שטונדען וואס מען ארבייט איצט און ווי מען פאַרדינט גוט. מען לעבט ווי מענשען. נאָר אין גייסט איז מען פאַרבליבען הינטער־שטעליג. אין אט דעם איין ענין האט מען ניט פראגרעסירט. ווער איז אין דעם שולדיג? — האט סעם זיך אליין געפרעגט — און וואס דאַרף דערצו געטאן ווערען?

א סך מאָל האט ער וועגען דעם גע־שמועסט מיט זיין אלטען פריינט מיקס בערעזאווסקי, אין וועמעס הויז ער האט נאך אלץ געוואוינט ווי א באָרדער. סעמ׳ס מיינונג איז געווען, אז מען וואָלט געדאַרפט אריינברענ־גען מעהר וויסען, מעהר גייסטיגקייט אין דעם לעבען פון די ארבייטער. די מאסען פאַרלאָזען זיך צופיל אויף זייערע פירער. זיי ווילען, אז אימי־צער זאָל פאַר זיי טראכטען. אז מען זאָל זיי געבען פארטיגע זאכען.

(ווייטערעס מארגען)

# מאַקס געביל דערצעהלט

(שלום פון פעירוש 2)

פריינט, און ער האט דעם ליס איבער־געגעבען ווילנער׳ן.

ווען איך האב דאס דערהערט, האב איך נישט געקאנט באגרייפען פאַר־וואס האבען מיינע פארטנערס, ראַ־ווינדזשער און שולמאן, אזוי דורכאויס געוואָלט, אז איך זאָל נאָר אונטער־שרייבען אויף פינף יאָר אין דער צייט ווען זיי האבען געהאט א ליס נאָר אויף איין יאָר?

— פאַרוואס פאַרשטעהסטו נישט? — האט מיר ווילנער געזאָגט. — זיי האבען גוט געוואוסט, אז זיי האבען דאס טעאטער נאָר אויף איין יאָר. זיי האבען אבער געוואָלט האבען דיך פאַר א שותף אויף ווייטער, וואו זיי וועלען נאָר קריגען א טעאטער.

— אויב אזוי, זיינען זיי זעהר נא־איוו — האט איך געענטפערט — ווייל ווען אפילו איך וואָלט אונטערגעשרי־בען מיט זיי אויף פינף יאָר, נישט אויף דעם איין טעאַן, וואָלט איך דאך בפירוש אריינגעשריבען די ווערטער: „פיפלס טעאטער", און ווײבאלד זיי וואָלטען מער נישט געהאט דאס פיפלס טעאטער, וואָלט דאך זייער קאָנ־טראקט גארנישט ווערט געווען, וואָ־רים אין אנדערע טעאטערע וואָלט איך מיט זיי נישט געווען פאַרבונדען לויט דעם קאָנטראקט.

— ריכטיג — האט ווילנער בא־מערקט — נאָר אפשר האבען זיי געמיינט, אז עס וועט זיי פארט נאך געלינגען צו קריגען ווייטער, עם ליס אויפ׳ן טעאטער? אבער איצט, ווי־באלד אז דער קאָנטראקט מיט זיי איז געענדיגט און דו האסט נישט מער קיין יורידישע אין קיין מאראלישע פאַרפליכטונגען צו דיינע פארטנערס, קאנען מיר שליסען ביזנעס?

— לאמיר פריהער זיך דורכרעדען מיט מיינע פארטנערס — האב איך געענטפערט.

(מיין פארטנערשיפ מיט מאקס ר. ווילנער—אין קומענדיגען קאפיטעל.)



## ראַטגעבערין פאַר אידישער באַלעבאַטישקייט

RUTH JACOBS
*Advisor on Jewish Homemaking*

מיט דעם אַנקומען פון וואַרימען וועטער פאַלען אַ סך באַלעבאָסטעס אַריין אין דער געוואוינהייט צו סערווירען זייערע פאַמיליעס בלויז קאַלטע שפייזען ביי יעדען מאַלצייט. דאָקטוירים זיינען איצט מיט דער מיינונג, אַז אַמוויניגסטען איין הייסע שפייז דאַרף סערווירט ווערען יעדען טאָג אַהן אונטערשייד ווי וואַרים דער וועטער איז. באַלעבאָסטעס קענען אויסמיידען אָנצוהיצען זייערע היימען דורך אויסקלייבען אַזעלכע שפייזען, וועלכע ווערען שנעל געקאָכט. אַט אַזאַ שפייז איז **אינסטענט ראַלסטאָן**. עס איז נאַרהאַפ־טיג און ענערגיע געבענדיג און קאָכט זיך אָפּ אין כמעט גאָר קיין צייט.

נאָך אַ גוטער „הייסער דיש" איז **קעמפבעל׳ס זופּ**. טאָמעיטאָ, וועדזשעטעריען וועדזשעטעיבל. זיי ווערען געמאַכט מיט די פיינסטע באַשטאַנדטיילען און זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט גוטען טעם. זיי זיינען שטענדיג גוטע אויפוועקער פון אַפּעטיטען וועלכע ווערען פאַרשלאָפען אין די הייסע טעג. אַהן אונטערשייד ווי עס ווילט זיך אויסלאָזען אַ הייסע שפייז פון מאָל־צייט, טוט עס ניט. מאַכט עס אַלס מוז־זאַך און אייער געזונט אַזוי גוט ווי דאָס געזונט פון אייער פאַמיליע וועלען דערפון געניסען.

**האַרט׳ס דילאַיט פרון דזשוס** איז איצט צו קריגען אין אַ קאָנצענטריר־טער פאָרם. איין 5½ אונץ קען מאַכט 1¼ פּאַינט פון דער פיינסטער פרון זאַפט אין גאַר קיין צייט. איך האָב עס געקויפט צום ערשטען מאָל נעכטען אין דער קאָנ־צענטרירטער פאָרם און בין פשוט ענט־ציקט געוואָרען פון דער גרויסער ווערט וואָס עס גיט. **האַרט׳ס דילאַיט קאָנצענ־טרירטע פרון זאַפט** האָט דעם אמת׳ן פלוימען טעם פון זון־רייפע קאַליפאָרניער פלוימען אין יעדען זופּ. איר גיט בלויז צו וואַסער—3 צו 1—און משט עס אויס אין אַן אויגענבליק. און נאָך מער—עס בלייבט אויסגעמישט! און ווי וואונדער־באַר עס איז, ווייל עס איז ניטאָ קיין פּראָב־לעם פון אַהיימטראָגען שווערע באָטעלס און קיין פּראָבלעם פון צובראָכענע באָ־טעלס. גרינג און באַקוועם צו טראָגען איז די נייע האַרט׳ס דילאַיט פרון זאַפט. קויפט האַרט׳ס דילאַיט קאָנצענטרירטע פרון זאַפט ביי דער ערשטער געלעגענהייט. איך בין איבערצייגט, אַז איר וועט עס ליב האָבען.

ווילט איר ווערען אַ מעמבער אין **עלסי׳ס „בייגעל און קרים טשיז קלוב"**? און אויך קריגען די געלעגענ־הייט צו קריגען פריי קרים טשיז און בייגעל, און מעגליך אויך לאַקס — הערט זיך איין צו **אייב עלשטיינ׳ס פּראָג־ראַם** נעקסטען מיטוואָך, 8:15 פרי, אויף סטעישאַן דאַבעליו. אי. ווי. די. איר וועט זיך גוט פאַרוויילען און קריגען די רולס ווי אַזוי צו ווערען אַ מיטגליד אין עלסי׳ס בייגעל און קרים טשיז קלוב!

גרייט איר זיך צו פאַרען אויף אַ פּיק־ניק? אָט איז אַן עצה פאַר די וועלכע מוזען אָנפילען דאָס פּיקניק קוישעלע מיט גוטע זאַכען צו עסען. פאַרפאַקט אייערע שפייזען מיט אויפמערקזאַמקייט און פאַר־זיגעלט זיי מיט **סקאָטש טעיפּ**. וואָס פאַר אַ גרויסער אַרויסהעלפער עס איז דאָס דאָזיגע סקאָטש טעיפּ אין דעם שעהנעם גע־קעסטעלטען דיספּענסער. סענדוויטשעס, קעיק און אַנדערע פּיקניק זאַכען האַלטען זיך פריש און גוט איינגעפּאַקט אַזוי אַז איר און אייערע וועלען דערפון הנאה האָ־בען אָנשטאָט די מוראַשקעס. געדענקט, אַז ווען נאָר איר האָט אַ פּראָבלעם פון פאַרזיגלען זאַכען וועט סקאָטש טעיפּ טאָן פאַר אייך די אַרבייט אויף אַן אויסגע־צייכענטען אופן.

די פּראָדוקטען וואָס ווערען רעקאָמענ־דירט פון רוטה דזשייקאָבס, ווערען אויך אינדאָרסירט פון דער דזשאָזעף דזשייקאָבס דזשואיש מאַרקעט אָרגאַניזאַציע.

This is a feature of the Joseph Jacobs Organization

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • • • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

— אויסער דזשאבס און די זארגען פון מאכען א לעבען זיינען נאך פאראן העכערע ענינים, וואס מען דארף האָבען אין זינען. — האט סעם אַלץ גערעדט.

נאר מעקס, וואס איז געווען עלטער פון סעמ'ען און א סך לענגער שוין אין הינען לאנד, האט געזאגט אויף סעמ'ען, אז ער איז א טרוימער, א בעל־חלומות. עס איז איצט אן אנדער צייט, און מען קען ניט אפשטעלען דעם גאנג פון לעבען.

מעקס בערעזאווסקי האט נאך אַלץ געארבייט אין א שאפ. נאר די יארען האבען זיך שווער געלייגט אויף זיינע פלייצעס און ער האט אויסגעקוקט א היפש ביסעל צעפארען און אפגענוצט. אבער ער האט נאך אלץ ליב געהאט צו באנוצען פרעהליכע ווערטלער אין זיין ריידען און דערצעהלען א גוטען וויץ. מענשען האבען ליב געהאט קומען צו מעקס'ען אין שטוב, צו האבען א גוטען שמועס און אמאל א דיסקוסיע. עס איז דא געווען, וואס מען רופט, אן אפענע שטוב. און סערע, די ווייב מעקס'עס, א פשוט'ע פרוי, א גוטהארציגע, האט ארויפגעקוקט צו איר מאן און זי האט אויך ליב געהאט זיינע פריינט. זי האט זיי אויפגענומען ווארעם און געשטעלט פאר זיי כיבוד.

סעם ריווקין איז שוין געווען אן איינגענער מענש ביי מעקס'ן אין שטוב, און אז פריינט זיינען געקומען צוגעהן און עס האט זיך איינגעפעדימט א שמועס, איז סעם, ווי געווענליך, געווארען באלד דער צענטער פון אלעמען. ער האט גערעדט, ארגומענטירט, דערוויזען, זיך געהיצט. אבער שפעטער, אז אלע זיינען זיך צוגאנגען אהיים און ער, סעם, איז אוועק צו זיך אין צימער, האט אים אן אומעט ארומגעכאפט, א בענקשאפט און א נאגעניש. אים האט זיך געגלוסט דערמאלט אימיצען האבען לעבען זיך, א נאהענטען מענשען. די צערטליכקייט פון א פרוי, אפשר...

* * *

איינמאל אין א פארנאכט איז סעם געזעסען ביים טיש אינאיינעם מיט זיינע פריינט, מעקס'ען און סערע'ן. זיי האבען נאר־וואס געהאט אפגעגעסען סאפער, האט מען אנגעקלאפט אין טיר און עלינאר האט געגעבען א קום אריין. סעם האט נאר איין קוק געגעבען אויף זיין טאכטער, און ער האט געזעהן נאך איר פרעהליכען פנים, אז עפעס גוטעס האט פאסירט. ער איז מיט איר באלד אריין צו זיך אין צימער און עלינאר איז אים ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז און זי האט אויסגערופען:

— פאפא, איך האב גוטע נייעס פאר דיר.

און זי האט אים דערצעהלט וועגען איר מיט אייבי'ן, ווי זיי זיינען שוין איצט פאר'קנס'ט. זיי זיינען שוין חתן־כלה.

— דו קענסט אים, פא, — האט זי א פרעהליכע אים געזאגט. — דאס איז אייב גארדאן, דער באי פון גראסערי־סטאר.

— יא, יע! — האט סעם זיך אפגערופען אביסעל צומישט פון דער גוטער נייעס. — איך געדענק אים גוט. ער פלעגט ארויפקומען צו אונז... דיר העלפען מאכען די לעקציעס.

— דו געדענקסט דאס, פא! — האט עלינאר אויסגעשריען איבערראשט.

זי האט גענומען דערציילען איר טאטען וואס אייב האט דורך דער צייט דערגרייכט מיט זיין לערנען, און וואס פאר א וויכטיג ארט ער פארנעמט איצט צווישען די דאקטוירים כיט זיין פארשונגס־ארבייט אויף דעם מעדיצינישען געביט. און ניט נאר דאס אליין. אייב האט א געשטעלטען כאראקטער און מען קען זיך אויף אים פארלאזען. ער האט מיט זיינע אייגענע כוחות צו דעם אלץ דערגרייכט. קיינער האט אים ניט געהאלפען. זיין טאטע־מאמע, זיי האבען אפילו פון דעם ניט געוואוסט.

— נו, אוודאי, — האט סעם זיך אפגערופען, — דער מענש אליין איז דער עיקר. זיין כאראקטער, דאס איז וויכטיגער פון אלץ.

— א, פא! — האט עלינאר ווידער ארומגענומען איר טאטען.

ביידע זיינען געווען גערירט. ביידע האבען זיך געפרעהט. דעם גאנצען אווענט האט עלינאר ביי איר טאטען אין צימער פארבראכט. זיי זיינען געזעסען אויף דעם פיין־פארבעטען אייזערנעם בעטעל. עלינאר האט זיך צוגעטוליעט צו איר טאטען און סעם האט מיט זיין האנט געגלעט זיין טאכטער איבער'ן פנים, איבער אירע האר:

— מיין קינד, כייז מיידעלע, — האט ער גערעדט שטיל ווי צו זיך אליין. זיינע שטענדיגע אנגסטען וועגען איר; זיין האפענונג, אז זיין טאכטער זאל קריגען איר ריכטיגען באשערטען, איז איצט פארווירקליכט געווארען. פון גרויס פרייד האט ער אזש ניט געקענט ריידען. ער האט געפיהלט ספאזמען אין האלז.

און עלינאר אליין האט זיך איצט דערמאנט די צייט ווען זי איז נאך א קליין מיידעל געווען, ווען זי האט נאך פון גארניט געוואוסט, און טאטע־מאמע האבען איבער איר געציטערט און נאכגעגעבען איר יעדען פארלאנג. און איר האט זיך גערוכט ווי זי איז נאך איצט אויך א קינד. דער טאטע האלט איר אויפ'ן שויס און מיט זיין האנט גלעט ער איר איבער די האר.

— עס וועט שוין מסתמא אינגיכען זיין ביי אייך די חתונה? — האט סעם ענדליך זיך אפגערופען.

עלינאר האט זיך א כאפ־געטאן, אז איצט איז די צייט צו ריידען מיט איר טאטען, דורכצופיהרען איר פלאן, וואס זי האט שוין לאנג געהאט אין זינען.

— די חתונה? — האט זי אים ארייננעקוקט אין די אויגען. — עס וועגדט זיך אן דיר, פא...

— אן מיר וועגדט זיך דאס? וואס רעדסטו, קינד? — האט סעם ניט געקענט פארשטעהן.

— יע, עס וועט ניט זיין קיין חתונה ביז דו וועסט ניט קומען פריהער אהיים.

סעם האט אויפגעעפענט א פאר גרויסע אויגען. ער איז געווען צופיל אויפגערעגט צו קענען עפעס זאגען, און עלינאר'ס געדאנק האט ווייטער געארבייט אויף איר פלאן.

— נו, איז וואס זאגסטו, פא? איך וויל אן ענטפער. — האט זי אים שוין ניט אפגעלאזען.

— די מאמע וויל אויך דו זאלסט קומען. — האט זיך ביי איר ארויסגעכאפט.

— די מאמע? — האט סעם גערעדט ווי אין חלום. — זי וויל איך זאל קומען?

עלינאר האט נאך מיט איר מאמען וועגען דעם ניט גערעדט. זי האט זיך איצט אליין געוואונדערט ווי אזוי איר איז דאס איינגעפאלען אים צו זאגען. נאר זי איז שוין געגאנגען ווייטער:

— פא, איך וועל ניט אוועקגעהן פון דאנען ביז דו וועסט מיר ניט געבען דיין ווארט, אז דו וועסט קומען צוגעהן, פריהער מיט א וויזיט און דערנאך...

איר טאן איז געווען ניט עלינאר'ס, נאר ווי פון אן עלטערען, געניטען מענשען, און סעם האט א פארטראגענער א ווייל׳ע אנגעקוקט זיין טאכטער און ער האט געזאגט:

— איך גיב דיר מיין ווארט, טאכטער. איך זאג דיר צו.

* * *

עלינאר האט איצט נאר געווארט אויף דער געלעגענהייט, אז זי זאל קענען אנהויבען ריידען מיט איר מאמען פון איר פארלאנג, אז דער טאטע אירער זאל זיך אומקערען צוריק אהיים. זי האט נאך ניט געוואוסט ווי אזוי זי זאל מיט איר וועגען דעם אנהויבען ריידען. דערווייל האט זי נאר אין א שמועס מיט איר מאמען געפרואווט דערמאנען דעם טאטענ'ס נאמען און בעלא איז שוין ניט געווארען אזוי אויפגערייצט און אין כעס, ווי אין די ערשטע יארען, אז מען האט זיין נאמען דערמאנט. „דאס איז א גוטער באוויז, אז עס געהט אויף א לאר" — האט עלינאר ביי זיך געטראכט.

דערווייל איז שוין געקומען די צייט, אז מען זאל אנהויבען ריידען וועגען גרייטען זיך צו דער חתונה ביי עלינאר'ן מיט אייבי'ן. אייב איז שוין געווען אומגעדולדיג און ער האט געזאגט צו עלינאר'ן, אז ער וויל זיי זאלען שוין ווערען מאן און ווייב. ער האט שוין געגוג געווארט. עלינאר איך די מאמע אירע האבען ארומגערעדט דעם ענין ווען נאר זיי זיינען ביידע געווען אין דער היים. קיינמאל איז נאך ניט געווען אזא נאהענטקייט צווישען דער מאמען און איר טאכטער, ווי אין יענער צייט.

(ווייטערס מארגען)

---

# די טאַכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער

נעשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס" פון שלמה בן־ישראל

(נאכדרוק פארבאטען)

(פאָרטזעצ׳ונג)

— איז עס ניט א געפאר? — האט סענדער געפרעגט שטילערהייט.

— א געפאר? — האט דער כאדזש זיך פארוואונדערט — קיינער קען די ליכט ניט דערזעהן פון דרויסען. דו מעגסט רעדען הויך. קיין פיפס קען פון דאנעט ניט דערגעהן צו דער גאס דא איז א זיכערער ארט — האט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל — דא איז דער באהעלטעניש האבען זיך אמאל אויסבאהאלטען פיר מולאס און א דערוויש, ווענען דער סולטאן האט געוואלט מאכען קירצער מיט א קאפ. אכט יאר מיט ניין מאנאטען האבען זיי דא געלעבט און קיינער האט פון דעם ניט געוואוסט. אבער לאמיר איבערלאזען די דאזיגע ערצעהלונג אויף א מער פאסיגער שעה. לאמיר אצינד טאן דאס צוליב וואס איך בין געקומען. וואו איז דער קראנקער?

סענדער און סעדיה האבען צוגעפירט דעם דיקען כאדזש צום טעפיד אויף וועלכען ירמיהו איז געלעגען. דער כאדזש האט דערלאנגט די ליכט צו סעדיה'ן און האט זיך אראפגעלאזט אויף די קני בא'ר'ן קראנקען.

— דערלאנג מיר מיין פעקעל דארטען! — האט ער באפוילען סענדער'ן.

דער יונג האט צוגעבראכט די פאטשיילע, אין וועלכער עס זיינען געווען פארוויקעלט עטליכע שמאטעס, פלעשלאך און פענכערלאך פול מיט שמירעכצען.

— טוט איב אויס! — האט דער כאדזש באפוילען.

ירמיהו האט זיך אויפגעוועקט, אבער ער האט קוים באגריפען וואס מיט אים טוט זיך. ער האט נאר געזעהן זיינע פריינט לעבען זיך און האט א שמייכעל געטאן און געלאזט טאן מיט זיך וואס זיי האבען געוואלט.

דער כאדזש האט אויפמערקזאם באטראכט די וואונדען און האט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— יא, יא, מיר וועלען טאן דאס ריכטיגע...

ער האט אנגענאסען א ווייסע פליסיגקייט פון א פלעשעלע אויף א שטיקעל לייוונט און האט דערמיט גענומען ארומווישען דעם יונג'ס קערפער.

— דאס איז זאפט פון מאנדלען, געמישט מיט גערייניגטע איילבירט־אויל — האט ער געמורמעלט — די „באקים פרענדזשי" (אייראפעאישע דאקטוירים) ווייסען א קרענק דערפון. זיי קענען זיך פיל לערנען ביי אונז, די אלטסאדישע זנאכערם. אט די פליסיגקייט איז געשאפען געווארען פון אללא אליין און ער האט עס איבערגעגעבען צום מענשען פאר היילונג. אט אזוי! דרעהט אים איבער! ס'וועט אים קיהלען די וואונדען, היילען און ארויסציהען דעם גיפט.

אזוי רעדענדיג אהן אן אויפהער, האט דער כאדזש גענומען שמירען מיט די שמוציגע פינגער די זאלבען פון זיינע פענכערלאך איבער די אפגעוואשענע וואונדען. די זאלב איז געווען א גרינע און א קלעפיגע, האט זיך געצויגען ווי געדיכטער האניג.

— ער האט צופיל גיפט אין בלוט פון די וואונדען, דעריבער פיבערט ער אזוי — האט דער כאדזש געמורמעלט — נעם־צו דעם גיפט, און די היץ וועט פארשווינדען. אין צוויי טעג ארום וועט ער „אינשאללא" („מירצעשעם" אויף אראביש) זיין א נייער מענש. דער עיקר גיט אים א סך צו טרינקען, ווייל דער גיפט מוז ארויסגעשווענקט ווערען פון קערפער מיט וואסער.

ער האט זיך אויפגעשטעלט מיט שווערינקייט, האט אפגעווישט די הענט אן דער פאטשיילע.

— דא לאז איך איבער א פענכערל מיט זאלב — האט ער געזאגט צו די יונגען — זיין געזיכט איז באוואקסען און דעריבער וועט מען דארפען מארגען אנשמירען נאך זאלב אויפ'ן פנים. קויפט־איין באנאנעס און דעקט־צו די זאלב פון פנים מיט די באנאנע־שאלעכץ, די ווייסע זייט צום פנים...

ער וועט גענזונט ווערען... ער איז יונג און שטארק...

סענדער האט צוריק איינגערעדט ירמיהו'ן. דער יונג איז איצט רוהיג געשלאפען. סענדער'ן האט זיך אויסגערוכט, אז דער קראנקער האט זיך שוין פארבעסערט. עס איז געווען נאריש צו גלויבען דעריין, אבער די זיכערקייט פון כאדזש איז געווען אנשטעקענדיג. אליין ניט־וויסענדיג פאר וואס, האט סענדער דערפיהלט גרויס אפשיי פאר'ן דיקען כאדזש.

— דער גוס וועט אנהאלטען א גאנצע נאכט — האט דער כאדזש באמערקט, אראפזעצענדיג זיך קרעכצענדיג אויפ'ן דיל און ארויסנעמענדיג א פושקעלע מיט סיגארעטס פון זיין בוזים — דער ערשטער רעגען קומט אלע מאל אזוי: ער הויבט זיך אן מיט א שטורעם, גיסט־אפ א גאנצע נאכט, און מיט'ן אויפקום פון דער זון ווערט צוריק ווארעם און שעהן.

— איך וויל דיר אפדאנקען, סאאיד איבן סולימאן, פאר דיין גוטסקייט און פאר מטריח זיין זיך צו קומען אין אזא וועטער! — האט סענדער אויסגערופען, צוזעצענדיג זיך לעבען כאדזש.

— פארוואס קומט מיר א דאנק? — האט דער דיקער כאדזש געשמייכעלט גוטמוטיג — עס איז דאך א פליכט פון איין מענשען ארויסצוהעלפען דעם צווייטען. איך וואלט די היינטיגע מצווה ניט פארקויפט פאר א מיליאן.

— ביזט א פיינער מאן, סאאיד איבן סולימאן. הלוואי וואלטען געווען א סך אזעלכע, ווי דו.

דער כאדזש האט געשמייכעלט.

— די וועלט איז פארדארבען, מיין ברודער; יא, זעהר פארדארבען, און דעריבער איז עס אונזער פליכט צו טאן פיל גוטעס. אויף אונז ליגט א טאפעלטע פליכט. — האט ער צוגעגעבען.

— סאי אלס מענשען און סאי אלס אידען. איר ווייסט עס אפשר ניט, ברידער מיינע, אז איך בין א איד.

— מיר ווייסען. אבדאללא האט עס אונז דערצעהלט.

—אה, עובדיה! ער איז א פיינער מאן, זעהר א פיינער מענש. ער טוט פיל גוטס צי אידען און מאכמעדאנער צוגלייך. ער האט זעהר א סך פריינט אין באגדאד. נו, אבער לאמיר בעסער רעדען פון אייך, ברידער. איך שטויס זיך אן, אז איר האט קיין האניג ניט געלעקט אין מוקוה, איבערהויפט אייער פריינט דארט, — האט ער אנגעוויזען אויף דעם שלאפענדען ירמיהו.

— אבי מיר זיינען געבליבען לעבעו איז שוין גוט, — האט סענדער געזאגט.

— געבליבען לעבען זאגט ער! — האט דער כאדזש געלאכט שטילערהייט.

(ווייטערס מארגען)

---

## פרויען אַקזילערים שאַפען איבער 50 טויזענט דאָלאַר פאַר דעם דענווער סאַנאַטאָריום

די פרויען אקזילערים, וועלכע שאפען פאנדען פאר'ן דענווער סאניטאריום, וואס געפינט זיך אין בראונסווילס, ני ודזשורזי, האבען ביי א לאנטשאן איבערגעגעבען פאר דער אינסטיטוציע די סומע פון 51 טויזענט דאלאר.

דערמוטיגונגס־פרייזען פאר גוטער ארבייט לטובת „דענווער" האבען באקומען די אקזילערים. דער „מאנהעטען טשעפטער" האט באקומען דעם 1טען פרייז; „פרענדס אוו דענווער טשעפטער" — צווייטען פרייז; דער „בערנארד על. דזשאפע טשעפטער", דעם דריטען פרייז און מאנא קאהן פון דעם „דיווא טשעפטער", בראנקס, האט געקראגען דעם פערטען פרייז פאר ארגאניזירען דעם „הינדע ראָון קראנקהייטס טשעפטער".

עס זיינען געהאלטען געווארען רעדעס פון יוסף עליקמאן, פרעזידענט פון דענווער אידישער טובערקולאז סאסייעטי און פון נייטען מיני, דירעקטאר פון ניו יארק אפיס פון דענווער און אנדערע.

דענווער סאניטאריום נעמט אריין פאציענטען אהן געצאלט. ער ווערט אויסגעהאלטען פון ארגאניזאציעס און יחידים.

---









# די געשעהענישען אין קאָרעאַ

פון י. פאָגעלמאַן

(שלוס פון פעידזש 1, סעקשאן 2)

פון פרידען און ווי א קעמפער פאר פרידען.

נאך מעהר: וואס מעהר די סאָוועטישע מאכט און איר גאנצער קאָמוניסטישער כאָר איבער דער גאנצער וועלט צעשרייט זיך וועגן פרידען; וואס מעהר זי הויבט-אויף און ארגאַניזירט כלומר'שטע „באוועגונגען פאר פרידען", אלץ פארדעכטיגער ווערט די סאָוועטישע פּאָליטיק און אלץ געפערליכער ווערט דער צושטאנד פון פרידען אויף דער וועלט; ווייל דאמאלסט אָרגאניזירט עס מאָסקווע שטילערהייט איהרע נייע אימפּעריאליסטישע אוואַנטורעס, וואס זי פּרובירט צו פארדעקען הינטער א שלייער פון הויכע דעמאַגאָגישע, פאלשע פראַזען און הינטער'ן קאָמופלאַזש פון נייע כלומרשט „פרידליכע" באוועגונגען.

סטאַלין שארט די הייסע קוילען איבער דער גאנצער וועלט ניט מיט זיינע אייגענע הענט, ניט מיט די הענט פון זיין אונטערטעניגער ארמיי, נאר מיט די הענט פון פרעמדע, געדונגענע אדער פרייוויליגע שקלאַפען, וואס ער האט אריינגעצויגען אין זיין נעץ. אין גריכענלאנד האט ער ניט איין מאל געפּרואווט דורכצופירען א בלוטיגע איבערקערעניש מיט דער הילף פון גריכישע גערילאַס; אין בערלין באנוצט ער פאר זיינע אוואַנטוריסטישע פּלענער די דארטיגע קאָמוניסטישע יוגענט. וואס געהט ביי אים איצט אין שפּאַן אזוי ווי זי איז פריהער געגאַנגען אין שפּאַן ביי היטלער'ן; אין איטאַליע נוצט ער אויס דעם דאָרטיגען קאָמוניסטישען פינפטען קאָלום; און אין פראַנקרייך אויך דאס זעלבע.

אבער אין אזיע האט ער פאר זיך אן אמת'ן פּוקניק. די לאגע איז דארט שוין פון לאנג א צורודערטע, אן אויפגעטרייסעלטע. די דארטיגע געלע ראַסע האט נאך ניט באוויזען צו קומען צו זיך פון איהר עמאַנסיפּאַציע, פון איהר באפרייאונג; דער באדען איז דארטען אן אויפגעברויזטער; די דארטיגע ארדנונג און פירערשאפט איז, נאטירליך, נאך ניט קיין ריכטיגע, נאך ניט קיין אמת דעמאָקראַטישע און ערפאַרענע; די ארימקייט און נויט איז דארטען פארשטעהט זיך, שארף; די אומצופרידענהייט איז גרויס; די אומוויסענהייט נאך גרעסער; און דאס אלץ איז זעהר א גינסטיגער, פרוכטבארער באָדען פאר דער קאָמוניסטישער דעמאַגאָגישער פּראָפּאַגאַנדע, וואס ארבייט דארטען אויף אלע כלים און שטעלט ארויס סאָוועט-רוסלאנד ווי אן „אויסלייזערין", ווי א „באפרייערין".

אבער מיט פּראָפּאַגאַנדע אליין באַנוגענט זיך ניט די סאָוועטישע מאכט אין אזיע; זי ארגאַניזירט דארטען אויך קאָמוניסטישע ארמייען, דורך וועלכע זי פירט דורך אירע אוואַנטורעס. ס'איז, דוכט זיך, פאר קיינעם קיין צווייפעל ניט, אז, צום ביישפּיל, די קאָמוניסטישע ארמיי אין כינע איז שטארק געשטיצט געווארען פון מאָסקווע. און ס'איז, דוכט זיך, אויך קיין צווייפעל ניטאָ, אז די קאָמוניסטישע ארמיי אין קאָרעאָ איז אין דער אמת'ן סטאַלינ'ס א קעסט-קינד. און ווען די קאָמוניסטישע ארמיי אין קאָרעאָ, אזוי ווי אין אנדערע פּלעצער, ווערט שוין גענוג שטארק און פארטיג פאר א בלוטיגער אוואַנטורע, הויבט אן דאמאלסט מאָסקווע צו שרייען, אז די פרעמדע לענדער זאלען גלייך ארויסנעמען זייער אָקופּאַציע-ארמיי פון דארטען. פּלוצלינג ווערט מאָסקווע דארטען די באשיצערין פון די „נאַציאָנאַלע אינטערעסען" פון דעם אונטערדריקטען פאלק און שרייט מיט באַנומענע קולות, אז „פרעמדע, אימפּעריאַליסטישע לענדער" האלטען אן ארמיי, כדי צו פארשקלאַפען די דאָרטיגע פאלקס-מאסען. אליין, הייסט עס, איז סטאַלין אינגאנצען ווייט פון אזעלכע סאָרטען טרייפענע פּלענער און אונטערנעמונגען.

די איצטיגע פּאָליטישע דראַמע אין קאָרעאָ איז אויך איינער פון די בלוטיגע קאַפּיטלען, וואס סטאַלין האט פאר די לעצטע יאָרען אריינגעשריבען אין דער געשיכטע. דאָ חזר'ט זיך איבער די זעלבע געשיכטע פון דעם מאָדערנעם סאָוועטישען אימפּעריאַליזם, נאר אפשר אויך אן אנדער סארט שטייגער; אייגענטליך קומט עס פאר אויף דעם זעלבען שטייגער ווי דאס איז פארגעקומען אין כינע, נאר נאַטירליך מיט א קלענערען פארנעם, לויט דער קלענערער טעריטאָריע און באפעלקערונג פון קאָרעאָ.

און אזוי ווי אומעטום הויבט זיך איצט אן א גוואַלד אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, אז דער רעזשים אין דרום-קאָרעאָ איז א „רעאַקציאָנערער", א „פאַשיסטישער", אז דארטען זיצען אמעריקאַנער „קוויזלינגס" א. א. וו. פּונקט די זעלבע געשרייען האבען מיר פריהער געהערט וועגן דער רעגירונג אין גריכענלאנד, אין איטאַליע, אין פראַנקרייך, אין כינע און וואו איהר ווילט נאר אליין; מיט אמאָל קען סטאַלין ערגעץ ניט פארטראָגען קיין שום „רעאַקציאָנערען" רעזשים, כאָטש ער אליין איז גאנץ גוט אויסגעקומען מיט יאָהרען צוריק מיט היטלער'ן, און כאָטש מאָלאָטאָוו האט דאך אפילו דאמאלסט ערקלערט, אז פאַשיזם איז בכלל א „געשמאַק-זאך".







# אַ לעבען פון טרויזמען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע

פון מרים דאַסקין

(פארזעצונג)

מארטא און עלינאָר זיינען גאנצע טעג ארומגעלאָפען איבער די דעפּארטמענט סטאָרס איינצוקויפען די אויסשטאַטונג פאר עלינאָר'ן, קליידער און וועש, און זאכען פאר איר נייער ווירטשאַפט, און אנקוקען מעבעל פאר דער נייער דירה. עלינאָר האט אין אלץ געפאָלגט מארטא'ן און זיך געלאָזען פון איר פירען. מיט א גרינגען געמיט און ווי שפּילעוודיג האט זי דאס אלץ אויפגענומען. זי האט גע-האט דעמאָלט דעם אויסזעהן ווי איר ארט ניט פאר קיין זאך, זאָלען זיי טאָן וואס זיי ווילען. פאר איר אליין איז נאר געווען גענוג צו פיהלען, אז איר איז גוט, און אז א נייער לעבען הייבט זיך אָן פאר איר.

מארטא האט זיך געפיהלט ווי זי איז די הויפּט-מחותנת'טע ביים העלפען צוגרייטען עלינאָר'ס חתונה. זי איז מיט אן אמת געווען עלינאָר'ן געטריי. זי האט פון אלעמאָל זיך פאר עלינאָר'ן געזאָרגט. ווער נאך אזוי ווי זי האט געוואוסט פון עלינאָר'ס ביז-איצטיגען לעבען? מארטא האט אויפגערודערט דעם גאנצען „באַנטש" יונג-וואַרג, זייערע לאנג-יאָריגע פריינט און חבר'טעס, וואס די מערסטע פון זיי האבען שוין לאנג חתונה געהאט. טעלעפאָנס האבען געקלונגען פון איינעם צום אנדערען, אנזאגענדיג די נייעס. זיי אלע האבען געוואלט אנטיילנעמען אין דער שמחה. כאָטש עלינאָר איז ניט אלעמאָל געווען א גוטע חבר'טע צוליב אירע קאַפּריזען און מיט איר האלטען זיך, אבער זיי האבען אלע איר געשעצט הויך צוליב איר קלוגשאפט און אינטעליגענץ.

מארטא האט געפּלאנעוועט א גרויסע פּארטי ביי איר אין הויז פאר עלינאָר'ן מיט אייבי'ן אויף מארגען באלד נאך דער חתונה, און אלע חבר'טעס פון „באַנטש" האבען גע-האלטען אין איין ריידען און זיך מישב זיין וועלכע סאָרטען מתנות מען זאל פאר עלינאָר'ן קויפען. עלינאָר און אייב זיינען אין יענע טעג געווארען איינגעלאדען צו א סך סאַפּערס און פּארטיס, און אפילו אין האָספּיטאַל, וואו אייב האט געארבייט, האבען די קאָלעגען דאָקטוירים גע-קליבען זיך מאכען א צונויפקום און „סעלעברעיטען" אייב'ס חתונה.

עלינאָר'ן האט זיך דעמאָלט גע-דאַכט ווי די גאנצע וועלט פרעהט זיך איצט מיט איר. יעדערער וויל אנטיילנעמען אין איר שמחה. איר האט זיך אויסגעוויזען, ווי די מענשען אין גאס, וואס זי באגעגנט, שמייכלען צו איר אומבאקאנטערהייט, ווי זיי וואָלטען איינשטימען מיט איר און זאָגען: „דו האסט גוט אויסגעפירט, עלינאָר."

נאר אזוי ווי קיין גוטע זאך קומט ניט אהן עגמת נפש, אזוי איז דאָ אויך איצט געווען מיט דעם גרייטען זיך צו דער חתונה. די עגמת נפש איז געקומען פון דעם חתנ'ס צד, פון דער מיסעס גאָרדאָן, אייב'ס מאמע. מיסעס גאָרדאָן האט גאר ביז איצט ווייניג געלאָזט פון זיך הערען. זי איז כסדר געווען פארהאָוועט מיט איר ביזנעס אין גראָסערי-סטאָר, און ווי אזוי זי האט געהאנדעלט מיט איר זוהן איז דאך באוואוסט. זי האט אלע יאָרען גאר ווייניג זיך אינטערעסירט מיט אייב'ס לערנען און שטודירען, און זי האט גאר ווייניג פארשטאַנען וואוהין ער צילט. און אזוי איז אויך געווען אייב'ס טאַטע. אין זיין דערשלאָגענקייט האט ער נאך געהאט טענות צו זיין זוהן, פארוואס ער זונדערט זיך אָפּ פון דער היים און ער העלפט זיי ניט ארויס מיט עפּעס אין זייער סטאָר.

און אז אייב האט צו עפּעס דערגרייכט, האבען זיי אויך פון דעם ניט געוואוסט, נאר פרעמדע מענשען, שכנים, האבען צו זיי געדאַרפט קומען און דערצעהלען פון זייער זוהנ'ס אויפטואונגען. אבער איצט, אז זיי האבען זיך דערוואוסט, אז זייער זוהן קלייבט זיך חתונה האבען מיט עלינאָר'ן, האט די מיסעס גאָרדאָן מיט אמאָל געלאָזט פון זיך הערען. זי האט אזוי ווי איצט ערשט זיך געכאַפּט וואס פאר א וויכטיגער באַי איר אייב איז, און זי האט גענעבען צו פיהלען, אז עלינאָר איז נאך ניט גענוג גוט פאר אים.

עס קען זיין, אז שלעכטע מענשען האבען אפשר אויף עלינאָר'ן אנגערעדט פאר איר, נאר זי האט זיך שטארק גענומען בלאָזען, און אז בעלאַ איז איינמאָל געווען ביי איר אין סטאָר און געמאכט א רייד וועגן דער קומענדיגער חתונה, האט די מיסעס גאָרדאָן זיך גענומען זאָגען דעות, ווי א שטייגער, אז די חתונה זאל געפּראַוועט ווערען אויף א גרויסען פארנעם, אין דעם שענסטען און רייכסטען האל פון שטאָט.

— וואס? — האט זי צו בעלאַ'ן גערעדט מיט א גאוה'דיגען טאָן, — מיין זוהן האט עס אפשר ניט פארדינט? אזא בריליאַנט פון א קינד.

בעלאַ איז דערנאך געקומען אהיים אן אויפגערעגטע.

— וואס ארט איר! — האט זי דערצעהלט עלינאָר'ן פון איר שמועס מיט דער מיסעס גאָרדאָן. — וואס ארט עס איר? די געלט פאר אזא חתונה וועט דאך א ו נ ז קאָסטען און ניט א י ר.

עלינאָר האט דעם ענין אויפגענומען מיט א גרינגען געמיט, פּונקט ווי זי האט אלץ אזוי אויפגענומען די לעצטע צייט. מיסעס גאָרדאָנ'ס פארלאַנג האט נאר ארויסגערופען ביי איר א שמייכעל:

— ווער פרעגט זיך ביי איר, מאַ? מיר וועלען טאָן ווי מיר אליין פארשטעהען.

— א פּרוי זאל זיין אזוי פארגרעבט! — האט בעלאַ זיך ניט גע-קענט בארוהיגען.

זי און עלינאָר האבען צוזאמען מיט אייב'ן שוין געהאט פון פריהער אויסגעפּלאַנט, אז עס זאל זיין א שטילע חתונה. דאס יונגע פּארפעל זאל געהן אין „סיטי האל" ארויסנעמען „מערידזש-לאַיסענס" און אין אוונט זאל זיין א וועטשערע ביי עלינאָר'ן אין שטוב, וואו עס וועלען זיין אויך אייב'ס טאַטע-מאַמע, און מען וועט פארבעטען נאר די נאהענטסטע קרובים פון כלה'ס און חתנ'ס צד.

אז עס איז דעמאָלט געקומען צו רייד וועגן רופען צו דער חתונה ארעלאַ'ן, בעלאַ'ס שוועסטער-קינד, האט עלינאָר געזאָגט, אז „ניין", מען זאל איר ניט רופען. עלינאָר האט דאך פון אלעמאָל געהאט א געפיהל, אז ארעלאַ האט א גרויסען חלק אין זייער צוריסענעם לעבען, און זי האט ארויסגערעדט מיט א כעס:

— ווער דארף איר האבען, די שלאַנג?

אוודאי האט בעלאַ אויך אזוי גע-פיהלט אנטקעגען ארעלאַ'ן, נאר זי האט מיט איר ניט געוואלט איינרייסען. זי איז נאך אלץ געווען א גוטער קאַסטימער אין סטאָר, און אלע ווייילע האט זי זיך געקויפט אלץ נייע דרעסעס, ארעלאַ.

— זי וועט זיין אין כעס, אז מען וועט איר ניט רופען; זי וועט זיך נאך באליידיגען; — האט בעלאַ גע-זאָגט, און עס איז געבליבען, אז מען זאל איר איינלאַדען.

בעלאַ האט איצט ניט געוואלט אויף קיינעם טראָגען קיין כעס, און זי האט אפילו באשלאָסען צו זיין גוט צו דער מיסעס גאָרדאָן, אייב'ס מאַמע, און זי האט איר נאך געגעבען א מתנה, א דרעס פון איר סטאָר, אז זי זאל קומען צו דער חתונה אנגעטאָן לייטיש. דורך דער צייט האט בעלאַ א סך געלערענט. זי האט זיך איצט מער פארשטאַנען אויף מענשען, און זי האט געזעהן, אז יעדער מענש האט אין זיך אי גוטס, אי שלעכטס. זי אליין, בעלאַ, איז געווען א היציגע נאַטור און זי האט געהאט א געוואוינהייט ארויסצושרייען, אז איר האט עפּעס פארדראָסען. און איצט האט זי געלערענט צו זיין איינגעהאלטען און באנוצען טאַקט, ווען זי האט גע-האנדעלט מיט מענשען.

אין די שמועסען מיט איר מאַמען האט עלינאָר איצט אָפט דערמאָנט דעם טאַטען אירען, און ווי ער קלייבט זיך קומען צו זיי אויף א וויזיט. מיט א ציטערדיג קול האט עלינאָר גע-רעדט, אז ס'איז שוין צייט עס זאל ווערען שלום צווישען זיי. בעלאַ איז אין יענע טעג געווען אויפגערודערט אפשר נאך מער ווי איר טאָכטער. אייב ס'וועט איר באשערט זיין, אז עס זאל זיין-צוריק א לעבען צווישען איר און איר מאַן, וואָלט איצט אלץ געווען אנדערש. זי וואָלט איצט בעסער גע-וואוסט ווי זיך אויפצופירען.

(ווייטערעס מארגען)























































# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקאַ — פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

צ'ן לאַנגע יאָרען זיינען אַוועק, און איצט זעהט אַלץ אויס אַזוי אַנדערש. די ערגערנישען און קריגערייען, וואָס זי און איר מאַן האָבען צווישען זיך געהאַט, זעהען איר איצט אויס קליין און ניט וויכטיג. זי דערמאַנט זיך, אַ שטייגער, ווי זי פלעגט שלעכט אויפנעמען סעמ'ס פריינט. זייערע היציגע שמועסען און דיסקוסיעס האָבען איר אויסגעזעהן איבעריג און אָהן אַ תכלית, און סעם פלעגט דערפאַר אויף איר ווערען אויפגערעגט. בעלאַ טראַכט איצט, אַז זי וועט איינפירען אַ הויז, אַז מענשען זאָלען וועלען צו איר קומען. און סעמ'ס פריינט, זיי וועלען אויך זיין אירע פריינט און זי וועט זעהן אויפצונעמען זיי גוט...

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען מאַמע און טאָכטער זיינען געזעסען אין קיך ביים טיש און געגעסען סאַפּער, האָט עלינאָר זיך אָפּגערופען צו איר מאַמען:

— איצט וועסטו קענען אַוועקמופען פון דאַנען, מאַ, אַז איך וועל שוין דאָ ניט זיין.

— אַוועקמופען! — האָט בעלאַ זיך אַ כאַפּ־געטאָן. — מיט וואָס איז דען דאָ שלעכט?

— דו האָסט דאָך דאָס אַליין געוואָלט, געדענקסט? — האָט עלינאָר זיך געוואונדערט. — האָסט געזאָגט, אַז דו ווילסט אַ דירה וואָס זאָל זיין נעהענטער צום סטאָר.

— איך ווייס ניט. איך וועל זעהן. — האָט בעלאַ געענטפערט איינגעהאַלטען.

זי האָט ניט געקענט זאָגען איר טאָכטער וואָס זי האָט דאָ אין זינען, און געטראַכט האָט זי ביי זיך, אַז אויב סעם זאָל קומען אַהיים און עס וועט צוריק זיין אַ לעבען צווישען זיי, וואָלט זי גראַד וועלען פאַרבלייבען דערווייל דאָ אין דער אַלטער דירה, אַז מענשען זאָלען דאָס זעהן; די אַלע מענשען, שכנים, וואָס האָבען איר נאָכגעקוקט כסדר מיט שטעכיגע בליקען און וואָס אונטער די אויגען האָבען זיי גערעדט שלעכטס אויף איר, זאָלען זיי איצט זעהן ווי איר איז ווידער גוט.

עס האָט זיך שוין דערנעהנטערט די צייט, ווען עס האָט געדאַרפט זיין די חתונה ביי עלינאָר'ן מיט אייב'ן. עלינאָר האָט ניט אַנדערש געוואָלט נאָר, אַז איר חתונה זאָל זיין אין דעם שעהנעם מאָנאַט יוני.

זי האָט געוואָלט זיין אַ „דזשון־בראַיד“, און איצט איז שוין געווען דער אָנהויב פון חודש מאַי.

אין די מיטענוואָכעדיגע טעג האָבען זיי זיך ווייניג־וואָס געזעהן. אייב האָט יעדען טאָג געדאַרפט לערנען אין קאָלעדזש מיט די סטודענטען, ווי אַן „אינסטראַקטאָר“, און דערנאָך טאָן זיין ריסוירטש־אַרבייט אין אַ האָספּיטאַל. און עלינאָר איז אויך געווען פאַרנומען אַלס אַ לערערין אין אַ סקול, און אָפטמאָל האָט זי נאָך געדאַרפט מיטנעמען אַהיים די העפטען מיט די קינדערשע אַרבייטען אויף דורכצוקוקען.

עלינאָר איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען און געטאָן איר אַרבייט מיט אַ באַזונדערס געהויבענעם מוט, פאַרכאַפּט פון דעם וואונדער ווי דאָס לעבען האָט מיט איר געפירט ביז איצט. זי האָט אָפּגעלעבט אַ לעבען פון חלומות, פון אַלערליי פאַרשטעלונגען און פאַנטאַזיעס, און זי האָט זיך כסדר אויסגעמאָלען בילדער ווי אַזוי מיט איר וועט זיין. זי האָט געפירט אַן אויסגעטראַכט לעבען און פון אַלץ, וואָס זי האָט גע'חלומ'ט, האָט זיך אויסגעלאָזען מיט גאָרניט. און דאָ ביי איר זייט האָט זיך שטענדיג געפונען אייב, איר אמת'ער באַשערטער, איר פּאָר. און זי האָט אים נישט געזעהן, ניט געוואָלט אים זעהן. עס איז געווען ווי זי וואָלט מיט דער האַנט אַוועקגעשטופּט די ווירקליכקייט פון זיך. און איצט האָט זי ווי אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף און זי האָט דערזעהן, אַז די ווירקליכקייט קען אַמאָל זיין שענער פון די שענסטע חלומות.

עס זיינען ביי איר איצט געווען מינוטען, ווען זי האָט זיך אַליין ניט געגלויבט. קען דאָס זיין, אַז פון איצט אָן וועט ביי איר אַלץ אַוועק גוט? אייב איז געקומען צו איר אין אַ צייט ווען איר מוט איז געווען געבראָכען און איר האַרץ צעוועהטאָגט. און ער, מיט זיין פּשוט'ער נאַטור, מיט זיין אידעלקייט און אמת'דיגקייט, איז געווען ווי אַ היילונג פאַר איר. און זי האָט זיך דערפיהלט געזיכערט און איינגערוהיגט. און דערפאַר האָבען זיך אַלע אירע חושים איצט געצויגען צו אים. אייב האָט ניט פאַרמאָגט אין זיך קיין פאַלשע פּרעטענזיעס, און אַלע מאָל וועט זי וויסען וואו זי האַלט מיט אים.

ניט ווילענדיג האָט איצט עלינאָר אין געדאַנק אַ סך מאָל געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישען אים און סאָני'ן. און איר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזען ווי סאָני, מיט זיין פירען זיך, וואָלט זיך נאָר געגליטשט איבער דער אויבערפלאַך פון לעבען, ניט אַריינדרינגענדיג טיף אין דעם וואָס ער טוט. עס איז געווען ווי איינער, וואָס פאַרזוכט בלויז דעם טעם פון יעדען מאכל און אַליין איז ער צו־זאַט צו עסען. זי האָט זיך דערמאַנט ווי סאָני פלעגט גיך אויפכאַפּען אַן ענין, ווערען פון דעם באַגייסטערט און באַלד איז ער צו דעם אָפּגעקילט געוואָרען. ער האָט געשטעלט אַ סך אויף זיין שעהן ריידען, אָבער ער האָט אַלץ אָפּגעלייקענט און עס איז גאָרנישט ניט געבליבען. מער ווי אַלץ האָט איר אָפּגעשטויסען סאָני'ס געוואוינהייט אָפּצולייגען אַן אַרבייט אויף שפּעטער. ער האָט אַזוי ווי זיך פאַרלאָזען, אַז אימיצער וועט שוין פאַר אים זאָרגען...

ווען סאָני האָט זיך אָפּגעגעבען נאָר צו האָבען „פאַן“, פאַרגעניגען, האָט אייב געאַרבייט און שטודירט. ער האָט ניט געוואָרפען זיינע כוחות אויף אַלע זייטען, נאָר שטילערהייט האָט ער דערגרייכט גרויסע זאַכען. און עלינאָר, וועלכע האָט שוין אַ סך דורכגעליטען אין איר יונגען לעבען, האָט איצט געקענט באַנעמען דעם גאַנצען אונטערשייד.

ווען זי איז געווען מיט סאָני'ן, איז זי געווען ווי אין שיכרות און האָט מורא געהאַט צו פאַרטראַכטען זיך וואָס עס וועט ווייטער מיט איר זיין. זי האָט אַזוי ווי געפירט אַ צווייענדיגען לעבען, וואָס זי האָט זיך אַליין פאַר דעם געשראָקען. אָבער מיט אייב'ן איז איר געדאַנק געווען קלאָר און איר געמיט איז געווען רוהיג. אַלץ, וואָס איז ביז איצט מיט איר געווען, האָט געדאַרפט פאַרגעסען ווערען, ווייל עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער לעבען פאַר איר. אויך איר אַליין האָט זיך פון איצט־אָן געוואָלט ווערען אַ בעסערער מענש, ניט אַזוי עגאָאיסטיש ווי זי איז פריהער געווען. און עלינאָר'ן האָט זיך געדאַכט, אַז אַ סך זאַכען האָט זי צו לערנען פון אייב'ן: זיין שטאַנדהאַפטיגקייט, זיין איינזעהעניש און פאַרשטענדעניש פאַר מענשען.

אַז עס איז געקומען דער זונטאָג האָט שוין עלינאָר געוואַרט און אויסגעקוקט, אַז אייב זאָל קומען צוגעהן. דעמאָלט זיינען זיי דעם גאַנצען טאָג געווען צוזאַמען. עלינאָר האָט ליב געהאַט צו דערצעהלען אים וועגען איר אַרבייט און אויך אַלע קלייניגקייטען פון דער דורכגעגאַנגענער וואָך,

און אייב פון זיין זייט האָט איר אויך אָפענהאַרציג אַלץ דערצעהלט וואָס ער טוט און וואָס ער טראַכט און פיהלט, ווי נאָר צוויי מענשען וואָס האָבען זיך מיט אַן אמת ליב קענען איינער מיט'ן אַנדערען ריידען. אייב'ס לעבען איז אין אַ סך זאַכען געווען ענליך צו עלינאָר'ס. ביידע זיינען דורכגעגאַנגען אַ שווערען וועג, און ביידע זיינען ניט געוואָרען אַנטוישט אָדער צובראָכען, נאָר זיי זיינען אַרויסגעקומען נאָך מער געשטאַרקט.

אויך אייב האָט זיך געאיילט צו זעהן עלינאָר'ן. איר הויז איז דאָך פאַר אים געווען אַ צווייטע היים, אַ בעסערע ווי זיין אייגענע היים; אַן אָרט, וואו די מענשען האַלטען פון אים, מען פאַרשטעהט אים און מען גאַרט אויך אים צו זעהן. אייב, אַז ער פלעגט געבען אַ קום־אַריין, איז ער באַלד צוגעלאָפען צו עלינאָר'ן, געגעבען איר אַ נעם־אָן פאַר ביידע הענט און אַרומגעקוקט איר פון אַלע זייטען.

— אָט־די ווייסע בלוזקעלע וואָס דו טראָגסט, — האָט ער איר געזאָגט ווי אַ גרויסער מבין, — עס פּאַסט דיר די ווייסע. טראָג דאָס אַלעמאָל.

— יו סילי באָי (דו, נאַרישער בחור), — האָט עלינאָר פון אים געלאַכט. — יענעם מאָל האָסטו דאָך געזאָגט, אַז נאָר דער גרינער קאָליר פּאַסט מיר בעסער.

— דו ביסט גוט אין ביידע קאָלירען, — האָט אייב שוין פאַרשעמט געשמייכעלט.

(ווייטערס מאָרגען)

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקאַ און פּוילען — ספּעציעל געשריבען פאַר'ן „פאָרווערטס“ — פון ראָוז שושנה

(פאָרטזעצונג)

## אויפגעוועקטע וואונדען

ביטרים האָט נישט באַמערקט דאַינע'ס בלאַס פּנים און זי האָט ווייטער גערעדט:

— הערי איז צוריקגעקומען פון דער אַרמעי אַזש פון שאַנכאַי. וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? — האָט ביטרים געפרעגט זעהענדיג ווי דאַינע שטעלט אויס אויף איר אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגען. — געדענקסט נישט הערי'ן? הערי וואַקס! דער וואָס האָט אַזוי שעהן געזונגען. ער איז געווען דער בעסטער זינגער און בעסטער טענצער אין אונזער גאַנצען „באַנטש“ און אויך דער שענסטער בחור. געדענקסט אים זיכער. דערמאָן זיך... — האָט ביטרים גערעדט שוין אַביסעל נערוועז, זעהענדיג ווי דאַינע קוקט זי כסדר אָן אַלץ מער פאַרוואונדערט.

— ער איז אויפ'ס־לעצט אַריינגעקומען אין אונזער גרופּע... זאָלסט אים אָנקוקען! ער איז נאָך שענער געוואָרען! די טראָפּישע זון האָט אים גוט געדינט; אַך, זאָלסט אָנקוקען אַ באָי, שוין איינמאָל אַ מאַן; שוואַרץ, אָפּגעברענט ווי אַ טייוועל.

דאַינע האָט ניט געגלויבט אירע אייגענע אויערען; זי האָט געמיינט, אַז דאָס חלומ'ט זי. זי האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפענט די אויגען, כדי זיך צו איבערצייגען, אַז זי שלאָפט ניט; אַז זי איז וואַך, אָבער זי זעהט נעבען זיך די לאַכענדיגע ביטרים; זי זעהט די מענשען אין סאָבוועי; איז זי דאָך וואַך.

אין אָנפאַנג האָט זי נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך... אפשר האָט זי טאַקע שלעכט פאַרשטאַנען, אָבער זי הערט כסדר ווי ביטרים חזר'ט איבער: „הערי איז געקומען, דער שעהנער באָי, הערי וועקס!“

דאַינע פיהלט, ווי דאָס בלוט אַנטלויפט פון אירע אָדערען; זי זעצט זיך טיפער אַוועק אויף דער באַנק, אַז זי זאָל נישט אַראָפּפאַלען; זי האַלט זיך איין מיט אייזערנע צוואַנגען, אַז זי זאָל ניט חלש'ען. זי קאָן ניט עפענען דאָס מויל, אָבער זי שטאַמעלט קוים אַרויס די ווערטער:

— ווער, זאָגסטו, איז געקומען?

— זי וויל זיך נאָך אַמאָל איבערצייגען אַז זי האָט גוט געהערט.

— דו געדענקסט ניט הערי'ן? — האָט שוין ביטרים געענטפערט אומגעדולדיג — ער האָט דיך דעמאָלט צוגענומען פון באַל, כאָטש ער האָט זיך מיט מיר אָפּגערעדט, אַז ער וועט מיך באַגלייטען אַהיים. נו, געוויס, אַז מען האָט אַ מאַן פאַרגעסט מען אין אַמאָליגע באָי־פרענדס... באַי־באַי, דאַרלינג! — האָט ביטרים איר צוגעוואָרפען צום געזעגענען זיך און האָט זיך אויף גיך געשטופּט צום אַרויסגאַנג. ווען די סאָבוועי־טרעין האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז זי פאַרשוואונדען ווי אַ ווייכער.

— ביטרים! ביטרים! — האָט דאַינע זיך געכאַפּט ווען יענע איז אַרויס פון וואַגאָן און געוואָלט איר נאָכלויפען, אָבער די טירען האָבען זיך שוין געהאַט פאַרמאַכט, און דאַינע איז געבליבען שטעהן און געפיהלט, אַז די גאַנצע סאָבוועי־טרעין דרעהט זיך מיט איר.

— ווי איז דאָס מעגליך? — האָט זי כמעט הויך גערעדט צו זיך אַליין, און אַלע אין וואַגאָן האָבען זי אָנגעקוקט. — הערי איז דאָ און ער האָט זיך ניט געוויזען? געוויס איז דאָס אַ טעות, געוויס אַן אַנדער הערי. — זי האָט זיך אַליין אויסגע'מוסר'ט וואָס זי האָט געוואַגט אַזוי צו טראַכטען וועגען דעם ריכטיגען הערי'ן, וועגען דעם פאָטער פון איר קינד.

אָ, ווען עס קען פּאַסירען אַ נס, אַז מיין הערי זאָל זיך באַווייזען צו מיין קינד'ס געבורטסטאָג; וואָלט דען נאָך געקאָנט זיין אַ גרעסערע מתנה? הארץ מיינס, האָסט אַ מינוט געקלאַפּט מיט פרייד — האָט זי אַליין צו זיך גערעדט, און האָט צוגעהאַלטען דאָס הארץ, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָרפען אין איר.

די אָרימע דאַינע האָט אויפסניי איבערגעלעבט איר גאַנצע טראַגעדיע, איר פאַרשפּילטע יוגענט, איר צעבראָכען לעבען.

אין איר צעטראָגענקייט האָט זי ניט באַמערקט, ווי זי איז שוין פאַרביי געפאָרען די סטאַנציע, וואו זי האָט געדאַרפט אויסשטייגען; דער עקספּרעס איז געלאָפען ווייטער. ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט איז זי גיך צוגעגאַנגען צום אויסגאַנג. אַ פרוי האָט איר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זי האָט פאַרגעסען אירע פּאַקעטען, ווען זי איז צוריקגעלאָפען נעמען דאָס שפּילצייג, וואָס זי האָט געקויפט פאַר איר זוהנדעלע, איז שוין דער עקספּרעס ווייטער געלאָפען, און דאַינע האָט געמוזט ווייטער פאָרען. און ווידער האָבען אירע געדאַנקען זי אַוועקגעטראָגען ווייטער פון דער סטאַנציע. דאָס קלאַפּען פון דער טרעין איז איינפאַך געווען איר דערלייזונג; זי האָט געפיהלט ווי עס קלאַפּט איר מוח.

אַזוי איז די אָרימע דאַינע איניגע מאָל געפאָרען אַהין און צוריק, אַזוי ווי אין אַ פאַר'כישוף'טער ראָד...

ווען זי איז אַהיים געקומען האָט זי זיך באַמיהט צו פאַרגעסען אין ביטרים'ן, כאָטש ווען זי האָט געהאַט באַגעגענט ביטרים'ען האָט זי זיך זאָהר דערפרעהט, ווייל זי איז פּונקט געקומען אין דער צייט, ווען דאַינע האָט געהאַט באַשלאָסען זיך צוריקצוקערען צו מענשען, צו אירע פריינט.

זי האָט שוין באַשלאָסען, אַז זי האָט שוין ניט אויף וואָס צו וואַרטען. הערי איז טויט.

די באַגעגעניש מיט ביטרים'ן איז איר געווען צו דער האַנט. איר חבר'טע וועט קומען צו איר, זי וועט געהן צו יענער, און אַזוי וועלען זיי זיך ווידער צואַמענטרעפען מיט איר גרופּע באַקאַנטע, פון וועלכע זי איז די לעצטע אַנדערטהאַלבען יאָר אַזוי פאַרפרעמדט געוואָרען. זי וועט ווידער באַנייען די אַלטע באַקאַנטשאַפטען.

אָבער ביטריסעס רייד וועגען הערי'ן האָבען ווידער צובראָכען איהרע פּלענער. זי האָט געזעהן, ווי שטאַרק זי איז נאָך פאַרבונדען מיט דעם דאָזיגען נאָמען, דעם פאָטער פון איר קינד, איהר הערי.

כאָטש דאַינע איז געווען זיכער, אַז דאָ איז אַ מיספאַרשטענדניש מיט די נעמען, האָט זי אָבער ניט געקאָנט איינרוהען — אין הארצען האָט עפּעס געשרויפט, געטאַטשעט.

נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, האָט זי זיך אויפגעהויבען גאָר פרי, געגעבען איר מוני'ן די נייע געבורטסטאָג־שפּילצייג, געקושט און געוויינט נעבן מוני'ס בעטעל, באַטראַכט דאָס איינגעלע מיט די דונקעלע הערעלעך, מיט די בלויע אויגען.

— דער גאַנצער פאָטער! — האָט זי שטיל געמורמעלט און געקושט דאָס קינד אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט עס שיער ניט צעדריקט, און מוני האָט זיך צעשריען.

אין דער מינוט האָט זי ניט געקושט איר קינד, נאָר אירע ליידענשאַפטליכע ליפּען האָבען איצט געקושט דעם פאָטער פון קינד. אַ סעקונדע האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז דאָס קושט זי אים, איר הערי'ן, זיינע זיידענע האָר, זיינע טיפע, בלויע אויגען. ער — אינגאַנצען ער. דאָס קינד האָט פאַרקערפּערט איר זוהן און געליבטען.

זי האָט געוויינט און געלאַכט, געפרייט זיך מיט איר וואונדערשעהנעם געזונטען זוהן. אָבער באַוויינט זיין גורל, וואָס ער האָט ניט קיין פאָטער.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, און סעם איז אַריינגעקומען זאָגען דעם קינד „עי העפּי בוירטדעי“.

דער אָרימער סעם האָט זיך אַזוי שטאַרק געפרייט מיט דעם קינד, און מוני, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט סעם'ען, האָט זיך מיט זיין מתנה, מיט דעם גרויסען בער, אַזוי שטאַרק געפרייט, אַז ער האָט שוין צו קיינעם ניט געוואָלט געהן — ניט צו דער באָבע'ן, ניט צו דעם „זיידען“ — וועלכע האָבען אים, צום געבורטסטאָג געבראַכט אַ פיינע הוידעלקע (סווינג). וואָס האָט דאָס קינד געוואוסט פון אַ הוידעלקע? סעם און דער בער — דאָס איז געווען פאַר אים די בעסטע מתנה.

סעם האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף דר'ערד, געקראָכען אויף אַלע פיר, אויף די הענט און פיס און מוני איז געזעסען אויף זיין פּלייצע רייטענדיג.

דאָס קינד האָט הויך געלאַכט און אַלע אַרום צוזאַמען מיט'ן קינד. אָבער דאַינע האָט זיך אַרויסגע'גנב'עט פון קינדער־צימער, געפאַלען אויף איר בעט, איינגעגראָבען איר פּנים אין קישען און זיך יאָמערדיג צעוויינט.

(פאָרטזעצונג)

# די טאָכטער פון אַ פויגעל

אַ דעטעקטיוו ראָמאַן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אַראַבער — געשריבען ספּעציעל פאַר'ן „פאָרווערטס“ פון שלמה בן־ישראל (נאָכדרוק פאַרבאָטען)

(ווייטערס מאָרגען)

— און דאָס אַלץ האָט אָנגעמאַכט די געהיימניספולע „בינת איל אַספור“ — האָט סענדער באַמערקט צום כאַדזש

— נו, איצט זעהסטו שוין, וויפיל מען קען גלויבען אין די לעגענדעס פון די היציגע אַראַבער.

דער כאַדזש האָט מיט צופרידענהייט געגלעט דעם בויך. די נאַסע אויגעלעך זיינע האָבען געגלאַנצט מיט אַ נייגעריגען פלעמעלע.

— דערצעהלט מיר טאַקע, ברידערלעך, וויפיל אמת עס איז פאַראַן אין דער גאַנצער געשיכטע. איר דאַרפט דאָך וויסען.

— אוודאי דאַרפען מיר וויסען. נאָכאַלעמען, זיינען מיר דאָך דאָרטען געווען... — האָט סענדער געשמייכעלט.

ער האָט דערצעהלט דעם כאַדזש אין קורצען די געשעהענישען פון דער פאַריגער נאַכט.

— ווי דו זעהסט, איז פאַראַן אַ סך אמת אין די באָבע־מאַיסעס — האָט ער צוגעגעבען צום ענדע — יוסף איז טאַקע צעשמעטערט געוואָרען, אָבער ניט פון אַ פויגעל, נאָר פון זיין גוטען ווילען. דעם „שפּיאָן“ האָט אַרויסגענומען ניט אַ פויגעל, נאָר אַ בשר ודם, וואָס זיצט דאָ מיט דיר. וואָס אַנבאַלאַנגט דער געשיכטע פון דער פּאַניק, דער האַרץ־אַטאַקע פון אַכמעד אַאיסאַ, קען איך זיך פאַרשטעלען, אַז עס איז אמת. אויך דאָס ראָבירען די קראָמען איז מעגליך. אַלעמאָל אין אַ פּאַניק ראָבעוועט מען. אָבער ווען מיר קומען צו דער מעשה מיט דעם פויגעל — דאָ, זעהסטו, איז שוין פאַרמישט די פאַנטאַזיע פון דעם המון.

כאַדזש סאַאיד איבן סולימאַן האָט געהיימניספול געשמייכעלט. ער האָט פּאַמעליך אָפּגעטרייסעלט דעם אַש פון זיין סיגאַרעט און האָט זיך געגלעט דעם בויך.

— מיינע פריינט, — האָט ער באַמערקט מיט אַ געהיימניספולען טאָן — איך גלויב יעדען וואָרט וואָס דו, פאַרכי, מיין פריינט, האָסט דאָ דערצעהלט. וואָס וועט איר אָבער זאָגען, מיינע טייערע, ווען איך וועל אייך דערצעהלען אַז מיין ליבליכער ברודער, עלטער פון מיר מיט זעקס יאָר, אַ מאַן וואָס איז עהרליך און אמת'דיג ווי ריינער בוימאייל, האָט נעכטען ביינאַכט אַליין געזעהן לעבען מוקור דעם געהיימניספולען פויגעל אַראָפּנידערען פון הימעל אויף דער ערד?

## אליהו הנביא'ס באַזוך...

— האַ? דו טרייבסט אַ קאַטאָוועס!

— האָט סענדער אויסגעשריען.

— דו מיינסט עס ניט אויף צו דער אמת, כאַדזש! זאָג אַז דו שפּאַסט!

— האָט סעדיה אויסגערופען.

— עס איז אמת! איך שפּאַס ניט. מיינע פריינט, — האָט דער כאַדזש אויסגערופען. — איך שווער זיך אייך ביים נאָמען פון איין־און־איינציגען גאָט פון אברהם, אַז איך רעד דער אמת! מיין ברודער האָט מיר אויך געשוואוירען ביי גאָט, אַז עס איז אמת.

— דערצעהל גענוי וואָס און ווי און ווען! — האָט סענדער אויסגערופען.

— מיין ברודער איז אַ סוחר פון שעפּסען און ער פאָהרט אַרום איבער'ן לאַנד איינקויפען סחורה פאַר די קצבים (בוטשערס) פון באַסראַ, וואו ער לעבט מיט זיין משפחה. ער אַרבייט אויך פאַר „אונזערע“ און ברענגט אַלע נייעסען פון דעם וואָס געשעהט אין לאַנד. לעצטענס, זייט דעם מופטי'ס מענשען ווערבירען באַנדעס אָנצופאַלען אויף די אידען אין פּאַלאַסטין, געפינט זיך מיין ברודער אין דער על כאַמער געגענט. נעכטען ביינאַכט, איידער דער שטורם האָט זיך אָנגעהויבען דאָרט, איז ער געריטען אויף אַן אייזעל איילענדיג קיין ראַמאַדי, כדי אָנצוקומען פאַר'ן שטורם... ביים אָפּגלאַנץ פון אַ ווייטען בליץ האָט ער געקענט דייטליך זעהן ווי פון די שוואַרצע וואָלקענס נידערט אַראָפּ די געשטאַלט פון אַ ריזיגען פויגעל, אַ פויגעל אין דער פאָרם פון אַ מענשליכען אויסזעהן. מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט ער געקענט זעהן די פייערן פון מוקור. די שריפה איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט עס געזעהן אַפילו פון ראַמאַדי. מיין ברודער האָט קיינעם ניט דערצעהלט פון דעם פויגעל וואָס ער האָט געזעהן, אָבער ס'ווייזט אויס, אַז נאָך אַנדערע האָבען אויך געזעהן דעם פויגעל. נאָר אַ פויגעל האָט געקענט באַווייזען צו פליהען קיין מוקור — אַ שטרעקע פון איבער זיבען קילאָמעטער אין אַזאַ קורצער צייט. מיין ברודער האָט דעם פויגעל געזעהן זיבען קילאָמעטער פון מוקור... מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט מוקור געברענט ווי אַ גיהנום...

— דיין ברודער האָט גע'חלומ'ט, כאַדזש! — האָט סענדער באַמערקט.

— דעם פייער האָבען מיר אָנגעצונדען, ווי איך האָב עס דיר דערצעהלט.

דער כאַדזש האָט אָנגעבלאָזען די ליפּען. עס איז געווען קענטיג, אַז די רייד פון יונג האָבען ערוועקט אין אים אַ שטאַרקען פאַרדרוס.

— מיין ברודער, לאַנג לעבען זאָל ער, איז ניט קיין לייכטזיניגער אינגעלע! — האָט דער כאַדזש אויסגערופען. — ער וועט ניט אויסטראַכטען קיין מעשיות. דאָס וואָס ער האָט מיר דערצעהלט איז אמת און הייליג ווי די זון איז ליכטיג און העל. איך צווייפעל אַבסאָלוט ניט דערין.

— וואָס־זשע ווילסטו דאָ אויסברענגען? — האָט סעדיה געפרעגט ביים כאַדזש. — ווילסטו טאַקע גלויבען, אַז די דאָזיגע מיסטעריעזע „בינת איל אַספור“ האָט עס געמאַכט דעם חורבן פון מוקור?

— חס ושלום! — האָט אויסגעשריען דער כאַדזש. — איך צווייפעל ניט אויף קיין איין סעקונדע דערין וואָס איר האָט מיר דערצעהלט! איך זאָג ניט אַפילו אַז „בינת איל אַספור“ איז געווען אין מוקור. עס קען זיין, אַז זי איז אַפילו ניט צוגעקומען נאָהענט אַהינצו. אָבער איך גלויב, אַז דער געהיימניספולער פויגעל האָט זיך נעכטען ביינאַכט אַראָפּגעלאָזט פון הימעל אין דער געגענט פון על כאַמער. אויב מיין ברודער האָט אים געזעהן, האָבען אים פיליייכט אויך אַנדערע באַמערקט. דערפון, זאָג איך, נעמט זיך דער קלאַנג, אַז מוקור איז פאַרברענט געוואָרען פון „בינת איל אַספור“ און אַלע געשעהענישען ווערען פאַררעכענט אַלס אירע אויפטוהונגען.

— אויב אַזוי, דאַרפען מיר זעהר דאַנקבאַר זיין דער דאָזיגער „בינת איל אַספור“, — האָט סענדער זיך אָפּגערופען שמייכלענדיג — אַזוי וואָלט מען אונז אפשר פאַרדעכטיגט. איצט האָבען מיר ניט וואָס זיך צו שרעקען. זאָלען זיי זוכען דעם פויגעל.

(ווייטערס מאָרגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן פון אידישען לעבען אין אַמעריקע • פון מרים ראַסקין

(פאָרטזעצונג)

סעם איז געווען שטארק אויפגערודערט פון דער גאנצער זאך. ער האט וואויל־געוואוסט, אז אט דער זונטאגדיגער וויזיט וועט זיין פון גרויס באדייט. און כאטש ער האט צו זיך געזאגט, אז ער מאכט אט דעם שריט צוליב עלינאר'ן, זיין טאכטער, צוליב זיין פליכט ווי א טאטע, האט ער דאך געפיהלט די ערנסטקייט פון דער מינוט; אז עס האלט ביי דעם ער זאל צוריק זיך צונויפקומען מיט זיין ווייב. א נייע בלאט וועט זיך אויפמישען פאר אים אין זיין לעבען. ווי וועט פארקומען די באגעגניש פון אים מיט בעלא'ן? עס האט אים אויסגעזעהן עפעס אומגעלומפערט. מאדנע, פאר פילע יארען צייט האט ער זיך פאר איר ניט געוויזען, זייענדיג די אלע יארען אין דער זעלבער שטאט מיט איר.

סעם האט געהאט ביי זיך אין שופלאד פון טישעלע א פאטאגראפיע פון זיי אלע דריי, פון אים און בעלא'ן און עלינאר'ן. האט ער איצט די פאטאגראפיע ארויסגענומען פון שופלאד יעדעס מאל ווען ער האט צייט געהאט, און ער האט זיך גוט איינגעקוקט אין בעלא'ס פנים. דאס ערשטע, וואס אים האט זיך געווארפען אין די אויגן איז געווען דער זיכערער שטעל אירער, דער שארפער קוק פון אירע אויגען.

עלינאר אין איר מיהען זיך, אז עס זאל ווערען שלום, האט איר טאטען געזאגט, אז די מאמע האט זיך שטארק געביטען: „זי איז איצט א שענערע און א בעסערע מאמע". „עס וועט זיין טשיקאווע איר אנצוקוקען", האט סעם א שמייכעל געטאן צו זיך אליין, און ארום די ווינקלען פון זיין מויל און ארום די קנייטשעלעך פון זיינע אויגען איז איצט געלעגען גוטמוטיגקייט און פארגעבונג.

סעם האט ניט איינמאל שוין געפרואווט אנשטרענגען זיין זכרון, דערמאנען זיך וואס עס האט געפירט צו דעם, אז ער זאל איבערלאזען די היים און אוועק. ער האט שוין אקוראט ניט געקענט געדענקען וואס עס האט פאסירט אין יענעם טאג, ווען ער האט געמאכט אזא געוואגטען שריט. ער האט נאר געוואוסט, אז עס איז אים דעמאלט געווארען ענג אין זיין אייגענער שטוב און ער האט געמוזט אוועק. איין זאך געדענקט ער גוט: ווי זי, בעלא, פלעגט אים שטענדיג ארייננברענגען אין כעס מיט אירע טענות, אז ער טוט ניט גוט. וויפיל ער האט פארדינט איז ניט געווען גענוג, און איר לוסט נאך געלט האט איר פשוט געמאכט פאר אוים מענש.

נאר איצט, אז די שארפקייט פון זייערע קריגערייען איז שוין ניט געווען, און די שטענדיגע פארדרוסען און אויפרעגונגען זיינען אויסגעוועפט געווארען, האט שוין סעם געקענט א טראכט־טאן אויף צוריק. זי, בעלא, האט דעמאלט אנדערש ניט פארשטאנען! עס איז אפשר גאר זיין אייגענע שולד, וואס ער האט אויף איר ניט געווירקט צו ווערען א בעסערער מענש. עס האט געדארפט ווערען זיין אויפגאבע איר צו לערנען, צו דערציהען איר. עס איז קיין קונץ ניט איבערצולאזען אלץ אויף הפקר און אוועק. סעם האט זיך דערמאנט ווי מענשען פלעגען זאגען אויף בעלא'ן, אז זי איז א פרוי מיט כאראקטער. נו, אוודאי איז כאראקטער א גרויסע זאך. ער האט גארניט ליב א מענשען וואס איז צופיל נאכגעביג. און טראכטענדיג אזוי, האט סעם ווידער צוגעשמייכעלט מיט דעם גוטמוטיגען שמייכעל.

און אט איז שוין געקומען דער זונטאג, ווען סעם האט געדארפט געהן צו זיין אייגענער ווייב מיט א וויזיט און עסען דארט מיטאג. עס איז נאך געווען זעהר פרי אויפ'ן טאג. סעם איז געלעגען אין בעט, נאר שלאפען האט ער שוין ניט געקענט פון פארטאג אן. ער האט זיך אויפגעהויבען, אנגעטאן זיין שלאף־ראק און ער איז ארין אין באד־צימער. ער האט זיך געוואשען און ראזירט דעם פנים. עס האט אים ביי אים גערויערט א לאנגע צייט זיין היינטיגער טואלעט. ער האט זיך געקויפט א נייע גוטע העמד און א שענעם קראוואט, און ביים אויסבינדען דעם קראוואט זיינען ביי אים די הענט געווען א ביסעל נערוועז. ער האט זיך אנגעקוקט אין שפיגעל און ער האט געזעהן ווי ער האט א שיינעם קאפ גרויע האר, און זיינע אויגען, טונקעל־ברוינע, לייכטען מיט לעבען. ער איז מיטעלוואוקסיג און ברייט־פלייציג, און ער פיהלט זיך יונג.

— „א מענש פון א 55 יאר איז נאך ניט אלט". — איז אים מיט אמאל איינגעפאלען. סעם איז אריין אין קיך עסען אנבייסען. און דארט, ביים טיש, זיינען שוין געזעסען זיינע פריינט סערע און מאקס בערעזאווסקי. זיי האבען שוין אויף אים געווארט ביי'ן עסען. און סערע האט אים דערלאנגט דעם אנבייסען.

— נו, דו ביזט שוין פארטיג צו געהן? — האט מעקס ביי אים געפרעגט.

— ניין, וואס האב איך קיין צייט ניט. — האט זיך אפגערופען סעם. עס איז אים אביסעל ניט באקוועם געווען פאר זיינע פריינט. זיי האבען ביי אים אלץ געוואוסט. סעם האט זיי דערצעהלט פון עלינאר'ס פארלאנג, אז ער זאל היינט קומען צו זיי מיט א וויזיט. נאר וועגען דעם, אז עס האלט ביי א שלום צווישען אים און זיין ווייב, האט ער דערווייל פארשוויגען.

סערע אבער האט פארשטאנען ווי עס האלט, און זי האט שוין באצייטענס גענומען ריידען וועגען אויסזוכען א נייעם „בארדער" פאר איר צימער אויף סעם'ס ארט.

— מיר וועלען שוין בענקען נאך אייך, סעם, — האט זי אים איצט געזאגט. — איר וועט אונז שוין אויספעלען, אז איר וועט ארויסמופען פון דאנען.

— עס איז נאך דערווייל צו־פריה צו ריידען פון ארויסמופען, — האט איר סעם אויף דעם געענטפערט. סעם האט געפיהלט, אז ער אליין דארף זיך נאר צוגעוואוינען צו דעם געדאנק, אז עס איז טאקע אזוי.

— וויפיל יאר אז דו וואוינסט שוין מיט אונז? — האט מעקס בערעזאווסקי ביי אים א פרעג־געטאן. — ס'וועט שוין זיין א יאר צעהן, דוכט זיך.

— יע, צעהן יאר, — האט סעם ארויסגערעדט א פארקלערטער. — די צייט איז דורכגעלאפען ווי אין א חלום.

מעקס און סעם זיינען געווען גוטע פריינט פון אלע יארען. זיי זיינען ביידע געווען פון איין מין. ביידע האבען זייערע טעג פארבראכט אין שאפ, ביי דער מאשין און געווען גרויסע מייסטערס אין זייער פאך, וואס האבען געקענט אויפשטעלען א גארמענט, אז עס זאל לעבען. ביידע זיינען געווען אינטעליגענט און זיי האבען גוט געוואוסט דאס שווערע לעבען פון אן ארבייטער, און זיי האבען געארבייט פאר דעם, אז דער ארבייטער זאל זיך ניט לאזען אונטערדריקען פון באלעבאס, נאר מיט שטאלץ פאדערען וואס אים קומט, אז ער זאל קענען פירען א מענשליכען לעבען.

נאר מאקס, וואס פון דער נאטור איז ער געווען לעבענס־לוסטיג און ער האט ליב געהאט נוצען א גוטען ווערטעל אדער א וויץ, האט זיך שוין גענומען אונטערגעבען צו דער עלטער־קייט. דער שאפ האט פארגיכערט דאס אנקומען פון דער עלטער ביי אים. דאס פנים ביי אים איז געווארען צערונצעלט און צעקארבט, און זיינע האר זיינען אנטלאפען אויף צוריק און איבערגעלאזען א הוילען שארבען, און זיינע אויגען האבען שוין געקוקט מיד, אפילו ווען ער האט געשמייכעלט. סעם האט זיך נאך ניט געפיהלט אלט, נאר קוקענדיג אויף זיין פריינט מעקס האט אים אן אומעט ארומגעכאפט, און עס האט אים דעמאלט באנג געטאן פאר דעם מין מענש.

סעם האט זיך אויפגעהויבען פון טיש. ער האט א קוק־געטאן אויף זיין האנט־זייגערעל. עס איז נאך געווען פרי. ער איז ארויס אין גאס, געקויפט א צייטונג און אוועקגעוואנדערט פאר־אויס, לייענענדיג די קעפלעך נייעס פון דער צייטונג. די בערעזאווסקיס האבען געוואוינט אויף דער איסט צווועלפטע גאס, ניט ווייט פון דער פערצענטער גאס, דארט, וואו אין די וואכענדיגע טעג איז דער רעש פון די מענשען זעהר גרויס. סעם האט ליב געהאט אט־דעם געגענט. אים האט זיך געדוכט, אז דא איז די הארץ פון שטאט, מיט די גרויסע מענגעס מענשען וואס אײלען זיך כסדר פאראויס, מיט דעם רעש און אויסגעשרייען, וואס זעהט אים אויס א סך מאל ווילד. ניו יארק, אט־די וואונדער־שטאט מיט דער שטענדיגער באוועגונג, שטענדיג וואך, אפילו אינמיטען דער נאכט; דארט וואו אלע קעלקער, אלע ראסען זיינען אויסגעמיישט איניינעם. און אז סעם דערהערט אמאל הינטער זיך ריידען דאס געשמאקע אידישע לשון, גיט אויף אים א ווייע מיט אזא היימישער ווארעמקייט, אז ער מוז זיך אפשטעלען און נאכקוקען יענע מענשען.

סעם האט זיך א כאפ־געטאן פון זיין פארקלערטקייט, דערזעהן אז עס איז שוין צייט נעמען די סאבוועי און פארען אין די בראנקס. ער האט זיך געלאזט געהן צו דער פערצענטער גאס צום סאבוועי. עס איז אפגערעדט געווען, אז אייב, זיין צוקונפטיגער איידים, זאל אויף אים ווארטען אויף דער צוויי־און־פערציגסטער גאס, און דערנאך וועלען זיי ביידע פארען צו אים אהיים אין די בראנקס, וואו זיין ווייב בעלא און זיין טאכטער עלינאר וועלען שוין אויף זיי ווארטען.

(ווייטערעס מארגען)

# ווערט דער קלימאַט וואַרימער איבער דער גאַנצער וועלט?

(שלוס פון פעידזש 2)

וואסערען אין געוויסע טראפישע געגענטען. דער סאהארא מדבר, צום ביישפיל, ווערט פון יאהר צו יאהר אלץ גרעסער, ווייל די שטייגענדע היצען טריקענען אויס אלץ גרעסערע שטרעקעס לאנד.

אן אינטערעסאנטער ארטיקעל פון די שרייבער אלבערט אבארבאנעל און טהארפ מעקלוסקי, וואס איז ערשינען אין דער „סאטורדעי איווונינג פאוסט", באשרייבט די זאנדערבארע ענדערונגען אין דעם קלימאט פון דער וועלט, וואס זיינען פארגעקומען אין אונזער צייט און פאר אונזערע אויגען. די שרייבער דערמאנען דעם צופאל, וואס לעצטען זומער האבען זיך ארום ניו דזשוירזי פלוצלונג געוויזען זעלטענע פישען, וואס שווימען געוועהנליך נאר אין ווארימע, טראבישע וואסערען.

פראפעסאר האנס אהלמאן, דער דירעקטאר פון דעם געאגראפישען אינסטיטוט אין שוועדען, האט פארזיכערט אז די זקנים, וואס זאגען אז זיי האבען אמאל איבערגעלעבט פיל ערגערע ווינטערען ווי איצט, זיינען ניט גענארט אין חשבון. עס איז אמת, האלט ער, אז די ערד געהט איצט דורך א פעריאדע פון ווארימערע צייטען. ער גלויבט אויך, אז וואס ווייטער וועט אונזער ערד־קוגעל ווערען אלץ ווארימער. מיט דער צייט, דענקט ער, וועט ניו יארק ניט וויסען פון ווינטער, און מאנטרעאל וועט זיין אזוי ווארים ווי עס איז מיאמי ביטש אום ווינטער.

דר. אהלמאן דרינגט זיין נביאות ניט פון צופעליגע ענדערונגען אין דעם וועטער, אדער אפילו פון דעם וואס א געוויסער ווינטער איז ווארימער ווי געוועהנליך. אזוי ווי עס איז געווען דער פאל מיט דעם לעצטען ווינטער ביי אונז אין דער איסט. לאקאלע אדער אנדערע צופעליגע אומשטענדען האבען ווייניג צו טאן מיט אזעלכע ערשיינונגען און זיי זאגען גאניץ ווייניג וועגען דעם קלימאט פון דער וועלט אין אלגעמיין.

פיל וויכטיגער איז דער פאקט, וואס דאס אייז אין די „גלעטשערס" (אייז־טייכען), אין די סקאנדינאווישע לענדער, לאזען אפ און מאנכע גלעטשערס זיינען אינגאנצען פארשוואונדען. עהנליכעס פאסירט אויך אין סאוט־אמעריקע, אלאסקא, איסט אפריקע און וואו נאר אזא נאטור ערשיינונג ווי אן אייז־טייך איז דא צו באאבאכטען.

אויסער דעם מערקט זיך אויך, אז דאס אייז אין גרינלאנד און אנדערע גאר־קאלטע געגענטען ווערט ביסלעכווייז צעשמאלצען. געוויסע געגענטען, וואס זיינען אלעמאל געווען באדעקט מיט אייז, ווייזען שוין טרוקענע ערד מיט שטיינער; האפענס, וואס זיינען געווען פארקאוועט מיט אייז דעם גרעסטען טייל פון יאהר, לאזען דורך שיפען ביז טיף אין ווינטער.

אונטער דעם צושמאלצענעם אייז פון גרינלאנד האט מען געפונען סימנים פון אמאליגע פארמס פון די סקאנדינאווישע ים־וואנדלער. זייערע שטיבלעך און פעלדער זיינען 600 יאר געלעגען אונטער אייז און האבען זיך ערשט לעצטענס באוויזען פון אונטער זייער ווייסען צודעק.

די אייז־בערג, וואס פלעגען אמאל זיך אפברעקלען פון גרינלאנד און האבען געשאפען א געפאר פאר אלע שיפען אין נארד־אטלאנטישען ים, ווייזען זיך שוין מעהר ניט אזוי אפט. זיי ווערען צעשמאלצען אידער זיי דערגרייכען די שטרעקעס וואו די מעהרסטע שיפען פארקערען.

מיט איין ווארט, עס זיינען דא טויזענטער סימנים, אז די וועלט ווערט איצט ווארימער.

דאס איז אי א מעלה, אי א חסרון. עס איז א מעלה, וואס די קאלטע, אימער פארפרוירענע געגענטען ווערען דערוואַרימט, ווייל דאס עפענט ריזיגע שטרעקעס לאנד פאר דער וואקסענדער באפעלקערונג פון דער וועלט. עס איז אבער א חסרון, ווייל דיזעלבע ווארימקייט טריקענט אויך אויס אנדערע געגענטען און פארוואנדעלט מאנכע פון זיי אין וויסטעני־שען. אויך איז דא א חסרון אין דעם וואס די בערג מיט אייז ווערען צעשמאלצען, ווייל דאס הויבט אויף דאס וואסער אין די ימים און קען אין עטליכע הונדערט יאהר פארפלייצען און אוועקשווענקען מאנכע פון די וויכטיגסטע האפענס פון דער וועלט. וויפיל אייז עס איז דא אין די פארפרוירענע געגענטען ארום דעם נארד און דעם סאוט פאל קען מען ניט וויסען, אבער מען שאצט, אז ווען עס וואלט אינגאנצען צעשמאלצען געווארען, וואלט עס געהויבען דאס וואסער פון די ימים פון 90 ביז 500 פוס אין דער הויך. עס וואלט פארטרונקען אזא ריזען־שטאט ווי ניו יארק; עס וואלט גאנץ ענגלאנד דערטרונקען אונטערן וואסער.

גליקליכערווייזע געהט דער פראצעס פון צעשמעלצונג אן גאנץ לאנגזאם. ניו יארק האט דערווייל ניט וואס מורא צו האבען פאר א מבול, און ענגלאנד אויך ניט. איידער די גרויסע פארפלייצונג וועט אנקומען, וועלען פארלויפען הונדערטער יאהרען פון גאר שעהנעם און גאר ווארימען וועטער אין אזעלכע געגענטען.

פון וואנען נעמט זיך די נייע ווארימקייט, וואס דר. אהלמאן און אנדערע וויסענשאפטסלייט האלטען איצט אין מעסטען און אנמערקען?

ניט פון ראדיא־כוואליעס און ניט פון אטאמישע שטראלען. עס נעמט זיך פון דעם, גלויבען זיי, וואס געוויסע אולטרא־וואיאלעט שטראלען פון דער זון דערגרייכען עטוואס שטארקער צו דער ערד. פארוואס די שטראלען קומען איצט אן שטארקער, אדער אין א גרעסערער מאס, ווי מיט א פופציג יאהר צוריק, ווייסען זיי ניט גענוי; אבער אז אזעלכעס זאל פארקומען איז קיין נייעס ניט אויף דער וועלט. אמאל, מיט עטליכע טויזענט יאהר צוריק, זיינען די געגענטען פון סיביר און אלאסקא געווען טראפישע דזשאנגלס, אזוי ווי עס זיינען איצט די וועלדער ארום דעם עקוואטאר. דער אטלאנטישער ים האט דערגרייכט ביז די קעטסקיל בערג פון ניו יארק סטעיט.

דער וועטער בייט זיך פון טאג צו טאג, אבער ענדערונגען אין דעם קלימאט קומען פאר בלויז אין א שפרונג פון הונדערטער אדער טויזענטער יאהרען. אזעלכע ענדערונגען מערקען זיך ניט, אבער זיי קומען פאר.

מיר לערנען איצט אין א פעריאדע ...

# חזן ח. שאַפּירא, סעמיועל סטויר־נער'ס כאָר אין ברייקערס האָטעל האַי־יאַר פאַר ימים נוראים

מר. מאקס מאלאמוט, דער פרעזידענט און מענעדזשינג דירעקטאר פון דעם אריסטאקראט פון כשר'ע האטעלס אין אמעריקע, דער ברעיקערס האטעל, אויפ'ן בארדוואק, ניו דזשוירזי עווענױ, אטלאנטיק סיטי, מאכט באקאנט, אז עס איז איהם ווידער געלונגען צו אנגאזשירען דעם באריהמטען חזן חיים שאפירא, פאר די קומענדיגע ימים נוראים, ראש השנה און יום כיפור, וואו ער וועט דאווענען, פאר די טויזענטער געסט פון דעם ברעיקערס האטעל אויף דעם גרויסען און באקוועמען רוף־גארדען פון דעם האטעל.

די טויזענטער און טויזענטער מתפללים, וועלכע זיינען פאר־א־יאהרען געווען די געסט פון דעם ברעיקערס האטעל זיינען געווען אנ־גענעם איבערראשט פון דער אויסערגעוועהנ־ליכער און פראכטפולער שטימע פון חזן שאפירא און דעם וואונדערבארען אופן פון זיין אויסטייטשונג פון די פארשיידענע ימים נוראים תפילות, און עס איז שוין דאן ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען, אז חזן שאפירא וועט אנגאזשירט ווערען פאר'ן קומענדיגען יאר. חזן שאפירא וועט באגלייט ווערען פון סעמיועל סטוירנער'ס כאר, וועל־כער ווערט מיט רעכט באטראכט אלס איינער פון די בעסטע כארען אין אמעריקע. סטויר־נער'ס כאר, וועלכער איז האי־יאר פארגרע־סערט געווארען מיט א צאל זינגער, וועט זיין אונטער דער לייטונג פון דעם באגאב־טען יונגען מוזיקער, איינער פון די פאפו־לערסטע פיגורען אין דער מוזיקאלישער וועלט — פון בראדוועי און סעקאנד עווענױ. — אייב עלשטיין.

אט די וואונדערבארע קאמבינאציע און אויסערגעוועהנליכען עונג יום טוב, וואס זי טראגט מיט זיך, איז אויסשליסליך פאר די געסט פון דעם ברעיקערס האטעל, און דאס איז בלויז איינער פון די פיינסטע ביי־שפילען ווי אזוי די מענעדזשמענט פון אט דעם אויסגעצייכענטען און איינער פון די פיינסטע אידישע האטעלען שפארט ניט קיין מיה און קיין געלט, און זוכט מיט אלע מיט־לען, אז די געסט זאלען זיך פיהלען אין דעם האטעל אזוי אנגענעם און באקוועם ווי נאר מעגליך, און דעריבער ווערט טאקע אזוי שטרענג נאכגעפאלגט די פאליסי, וואס מר. מאלאמוט האט פארמולירט: — פאר די ברעיקערס געסט, מוז אלץ זיין פון דאס בעסט. (—

# פון פאָלק צום פאָלק

... צייטונג האט ארויסגעוויזען צו אונזער 27־יאריגען צוזאמענפאר.

די באריכטען און די ארטיקלען פון אייער קארעספאנדענט האבען באקאנט דעם ברייטען עולם מיט די פראבלעמען און אקטיוויטעטען פון דער ציוניסטי־שער ארבייטער באוועגונג.

מיר נוצען אויך אויס די געלעגענ־הייט, כדי דורך די שפאלטען פון אייער צייטונג באדאנקען אונזערע אלע פריינט און חברים וואס האבען דורך זייערע רעפארטען, ארבייט אין די קא־מיסיעס און טעכנישע אראנזשירונגען ביי־געטראגען צום ערפאלג פון דער קאנווענשאן.

מיר ווילען ארויסדריקען א באזונדע־רען דאנק צו חברה עמא שייוואר פאר איר וואונדערבארער פראגראם אויפ'ן יובל באנקעט.

מיט דרך ארץ,
ברוך צוקערמאן,
פרעזידענט.

## „מיט אַט־די הענט", מאָווי פון דער אינטערנעשאָנעל, בלייבט אַ דריטע וואָך אין גאַטהעם טעאַטער

די מאווי „וויט דהיז הענדס", וואס די אינטערנעשאנאל לעידים גאר־מענט ווארקערס יוניאן האט פראדו־צירט, איז פארהאלטען געווארען פאר א דריטער וואך אין דעם בראדוועיער גאטהעם טעאטער, בראדוועי און 47טע סטריט. לויט דעם באזוך וועט די מאווי פארהאלטען ווערען אויך פאר א פערטער וואך.

די מאווי איז געלויבט געווארען פון די קריטיקער און פון א צאל פרא־מינענטע מענשען. צווישען די בריף־שרייבער מיט לויבגעזאנגען פאר דער מאווי, וואס זיינען אנגעקומען צו פרעזידענט דייוויד דובינסקי, געפינען זיך: דר. וום. דזשענסאן, פרעזידענט פון דער באארד או עדיוקעישאן; פראפעסאר קילפעטריק פון קאלאמביא אוניווערסיטעט; ליא טשוירן, דער באקאנטער עקאנאמיסט; דזשאדזש שינטאג; דזשאדזש ראזענמאן, פרע־זידענט רוזוועלט'ס נאהענטער מיט־ארבייטער; ארען רוט; נעלסאן ראק־פעלער, און אנדערע.

## איז באגייסטערט פאר לילא קופמאן'ס סקיצען

## צענטראל, קאמיטעט פון פועלי ציון באדאנקט דעם „פארווערטס"

# דער באַרימטער כירורג, דר. אַלבערט בוירג, האָט נעראַטעוועט טויזענטער לעבענס

(שלוס פון עדיטאָריעל פעידזש)

מיט א יאר שפעטער, אין 1941, האט דר. בוירג אוועקגעשענקט בשותפות מיט אוען די. יאנג איינע פון די ווערט־פולסטע ביכער־קאלעקציעס — די יאנג זאמלונג — וואס באשטעהט פון 16 טויזענט ביכער. דר. בוירג האט אפ־געקויפט א העלפט פון דער יאנג־קא־לעקציע און ער האט עס אוועקגעגע־בען אלס מתנה צו דער לאיברערי. מר. יאנג, וועלכער איז א פילאנטראפ מיליאנער, האט אוועקגעשענקט די אנ־דער העלפט. די יאנג־בוירג קאלעק־ציע ווערט איצט געהאלטען אין דריי באזונדערע צימערען און ווערט גע־שאצט אין מיליאנען דאלער.

אין 1944 האט דר. אלבערט בוירג געשענקט א גרויסע סומע געלט אויס־צושטאטען א לאבאראטאריע אין מאונט סינאי האספיטאל. די לאבא־ראטאריע טראגט אויך דעם נאמען פון זיין פארשטארבענעם ברודער, הענרי, און איז אויסגעשטאטעט מיט די מא־דערנסטע אויסשטאטונגען פאר פא־טאלאגישע און אנדערע פארשונגען.

מיט א צייט צוריק האט דר. בוירג געשיקט א גרויסע סומע געלט צו דער ארגאניזאציע פון רעפארמירטע אי־דען אין אמעריקע — אמעריקען היברו קאנגרעגעישאנס — אז מען זאל בויען דעם גרעסטען אידישען צענטער אויף דער 65טער סטריט און 5טער עוועניו, לעבען טעמפעל עמאנועל. דער צענ־טער וועט טראגען דעם נאמען „האוז או ליווינג דזשודאאיזם". דר. בוירג'ס ביישטייערונג איז אין אנדענק נאך זיינע עלטערן. עס איז א ריזיגע סומע, אבער ווי גרויס עס איז האט דר. בוירג ניט געוואלט פארעפענטליכען.

פאראכטאגען מאנטאג האט מען גע־לעגט דעם ווינקעלשטיין פון דעם צענ־טער. דר. בוירג אבער האט ניט גע־קענט באטייליגען זיך אין דער צערע־מאניע; ער איז שוין געווען קראנק. ער איז אוועק אין דעם מאונט סינאי האספיטאל דורכצומאכען אן אפע־ראציע.

ס'האט געזאלט זיין א לייכטע אפע־ראציע, איינע פון די וואס ווערען אזוי אפט דורכגעפירט אויף עלטערע מע־נער, און די גרעסטע צאל פון די אפע־רירטע, וואס מאכען דורך אט די אפע־ראציע, ערהאלען זיך שנעל.

ס'איז אבער געווען די איראניע פון שיקזאל, אז דער מענש, וועלכער איז געווען איינער פון די גרעסטע אויב ניט דער גרעסטער כירורג אויף דער וועלט און וועלכער האט געראטעוועט אזויפיל מענשליכע לעבענס א דאנק די שווערסטע און דעליקאטסטע אפע־ראציעס וואס ער האט דורכגעפירט, זאל ניט אויסהאלטען א פארהעלטניס־מעסיג לייכטע אפעראציע און איז גע־שטארבען אין זעלבען האספיטאל, וואו ער האט פארבראכט דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען און וואו ער האט געטאן זיין רעטונגס ארבייט.

## אַדמיראַל קאַרפּאָרעישאָן

די אדמיראל קארפארעישאן פלאנעוועט צו פראדוצירען א מיליאן טעלעוויזשאן סעטס אין 1950, און וועט אנהאלטען דאס פראדו־צירען אזוי אז אפהאלט דעם גאנצען זומער.

די ערקלערונג האט געמאכט טהאמאס דזש. האדזשעס, וויס־פרעזידענט און דזשענעראל מענעדזשער פון אדמיראל, אין ניו יארק, לעצטע וואך ביי א פארזאמלונג פון דילערס, אין ריטץ קארלטאן האטעל.

לויט זיין ערקלערונג פלאנעוועט די טעלע־וויזשאן אינדוסטריע צו פראדוצירען 5½ מי־ליאן סעטס אין 1950, און אפילו די צאל וועט ניט זיין גענוג נאכצוקומען דעם פארלאנג אין הערבסט. אדמיראל'ס ליין באשטעהט פון 18 נייע טעלעוויזשאן רעסיווערס; 8 א 16 אינטש רעקטאנגולאר טיוב, טיש־מאדעל פאר $199.95; א 19 אינטש טיוב מיט א פאנאגראף און אי עם ראדיא פאר $499.50. א רעדוצירונג פון 200 דאלאר פון דער פרי־הערדיגער קאמבינאציע פון 19־אינטש מא־דעל.

עס זיינען אויך געוויזען געווארען פאר־שיידענע אנדערע מאדעלען. (*

# א לעבען פון טרוימען

ראמאן פון אידישען לעבען אין אמעריקא

פון מרים ראסקין

(פארטזעצונג)

און אין דער אייגענער צייט האט זיך אויך ביי בעלא'ן אין שטוב געהרודערט אין יענעם זונטאגדיגען טאג. בעלא און אויך עלינאר זיינען שוין פון גאנץ פרי אן געווען אויף די פיס. זיי האבען געראמט און געפוצט די צימערען פון זייער אפארטמענט. זיי האבען זיך דאך געריכט אויף צוויי געסט. צוויי מאנסבילען האבען געדארפט קומען צום דינער — סעם, בעלא'ס מאן, און אייב, עלינאר'ס חתן.

בעלא איז געווען באוואוסט אלס א גוטע באלעבאסטע, און אלץ האט ביי איר געמוזט זיין אויפ'ן האר, און עלינאר איז אויך ניט אפגעשטאנען פון איר מאמען. און אז זיי זיינען געווארען פארטיג מיט'ן אויפראמען, האבען זיי אויפגעשטעלט א טיש אין דער גרויסער ליווינג־רום, ווייל קיין באזונדערען דאינינג־רום האבען זיי ניט געהאט. עלינאר האט זיך שוין גענומען גרייטען דעם טיש. זי האט פארשפרייט איבער'ן טיש א ווייסען טישטוך און אנגעהויבען אויסלייגען די לעפעל, גאפעל און מעסער, ווי אויך דאס געשיר, טעלער, גלעזער און אלץ מיט אן אנדער, און אויסלייגענדיג פאר יעדערען באזונדער א „סעט", האט זי שטילערהייט געמורמעלט צו זיך אליין: „דאס וועט זיין פאר פאפא, דא וועט זיצען אייב, דאס פאר דער מאמע און דאס וועט זיין פאר מיר."

און בעלא איז דעמאלט געווען שטארק פארנומען אין קיך, צוגרייטענדיג דאס עסען, און זי האט כסדר ארומגעשפאנט דא צום גאז־אייווען און דא צום קיך־טיש. זי איז געגאנגען אנגעטאן אין א העלען, געפרעסטען הויז־קלייד און א ווייסען פארטוך ארום די לענדען. אירע טונקעלע האר זיינען געווען אויפגעקאמט הויך און איר פנים פאררויטעלט און בא'חנ'ט.

זי האט איצט אויסגעקוקט ווי א הויכיש ווייבעל וואס גרייט־צו דאס עסען פאר א פאמיליע. אויב בעלא האט אינעווייניג אין זיך געפיהלט צוטראגען און נערוועז, האט זי דאס ניט ארויסגעוויזען אפילו פאר איר אייגענער טאכטער. אירע באוועגונגען, וואס זיינען אלעמאל געווען אימפעטיגע, זיינען איצט שוין געווען צו־געלאסענע. טוענדיג איר ארבייט האט זי זיך אלע ווייליע פארקלערט, און זי איז געבליבען שטעהן מיט א לעפעל אדער מיט א טעלער אין האנט.

דער מיטאג האט געדארפט באשטעהן פון א סך מאכלים. אויסער דאס געקעכץ האט בעלא אויך אויסגעבאקען אלערליי קיכלעך און פודינגס. עס איז געווען טאקע ווי צו א חתונה, כאטש די אמת'ע חתונה ביי עלינאר'ן מיט אייבי'ן האט גאר געדארפט פארקומען אין א וואך ארום.

יעדער מאכל, וואס בעלא האט געמאכט איז געווען פון פריהער גוט צוגעטראכט. און וואס נאר זי האט צוגעגרייט האט זי פריהער פון אלץ איר מאן, סעמ'ען, אין זינען געהאט, אויב אים וועט דאס געפעלען אדער ניט. די שטוב איז איצט פול געווען מיט די געשמאקע ריחות פונ'ם עסען. זי האט זיך דערמאנט, אז סעם האט ליב געהאט א לאקשענעם פודינג, גוט־אויסגעבאקען און פארברוינט. ער האט אויך הנאה געהאט פון געהאקטע פלייש, געמאכט אין קייקלעך און אויסגעדעמפט מיט א ציבעלע און געווירצען. האט זי איצט דאס אלץ שוין געהאט צוגעגרייט. כדי צו זיין זיכער, אז זי מאכט ניט קיין טעות, האט זי א פאר מאל געפרעגט ביי עלינאר'ן וועגען דעם:

— וואס זאגסטו, עלינאר, דער פא וועט דאס גלייכען?

און עלינאר האט זיך אזש געוואונדערט און זי האט זיך אפגערופען:

— מאדהער, דער פאפא איז קיינמאל ניט געווען איבערקלייבעריש אין זיין עסען, דו געדענקסט שוין ניט?

עס איז שוין געווען נאך האלבען טאג. עס איז אפגערעדט געווען, אז דער מיטאג זאל זיין אויף דריי דעם זייגער. מאמע און טאכטער זיינען שוין אביסעל אומרוהיג געווען. סעם האט צוגעזאגט עלינאר'ן, אז ער וועט אפרופען אין טעלעפאן איידער ער וועט קומען, און דערווייל האט ער נאך ניט גערופען.

— דו ביזט זיכער, אז אייב וועט ניט פארגעסען זיך אפשטעלען און באגעגענען זיך מיט'ן פא? — האט בעלא ביי איר טאכטער געפרעגט, אביסעל צוטראגען.

— וואס רעדסטו מא?! אייב וועט פארגעסען אזא זאך?

ענדליך האט דער טעלעפאן זיך צעקלונגען. עלינאר איז צוגעלאפען אין קארידאר, א כאפ געטאן די טעלעפאן־טרייבעל אין האנט:

— העללאו!

דאס איז געווען סעם. ער האט נאר געוואלט ריידען א פאר ווערטער צו בעלא'ן.

— מא!! — האט עלינאר געגעבען א געשריי ארויס, אז בעלא האט זיך אזש דערשראקען. און זי איז געקומען צו לויפען פון קיך:

— וואס איז, וואס שרייסטו?

— ס'איז דער פאפא. ער וויל צו דיר ריידען!

בעלא האט זיך א ווייליע פארלאַרען. איידער זי האט אריינגענומען די טרייבעל אין האנט האט זי ניט ווילענדיג צוגעגלעט אירע האר מיט ביידע הענט. ווי איר מאן, סעם וואלט שוין איצט געשטאנען פאר אירע אויגען.

מאן און ווייב האבען זיך דורכ'ן טעלעפאן געזאגט נאר עטליכע קורצע ווערטער. נאר זיי האבען שוין צווישען זיך גערעדט. און דאס איז געווען גענוג. עלינאר איז געשטאנען ביי דער מאמע'ס זייט און ניט ווילענדיג צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ, ווי זי וואלט זאגען: „גוט, גוט. אזוי איז גוט!"...

בעלא האט אויפגעהאנגען די טעלעפאן־טרייבעל און איז געבליבען שטעהן אהן לשון. דאס הארץ איז איר געווען פול, און זי האט גאר ניט געקענט זאגען.

— נו, ער קומט דער פא? — האט עלינאר האסטיג איר א פרעג געטאן.

— ער קומט, יע.

— און אייב קומט אויך מיט אים? ער האט ניט געזאגט?

— אייב קומט אויך. ווי דען? זיי זיינען שוין ביידע אויף צוויי־און־פערציגסטער גאס. אין א קנאפע שעה ארום וועלען זיי שוין דא זיין. מאמע און טאכטער זיינען צוגעפאלען איינע צו די אנדערע. זיי האבען זיך ארומגענומען און געקושט. ביי ביידען זיינען די אויגען געווען פייכט, פארלאפען מיט א טרער.

בעלא האט באמערקט ווי עלינאר געהט נאך אין איר מארגען־קלייד און די האר ניט גענוג גוט פארקעמט. האט זי איר גענומען אונטעריאגען:

— געה אויף גיך, עלינאר, טו זיך אן. עס איז שוין שפעט.

עלינאר האט זיך געלאזט לויפען צו זיך אין צימער. אין א פאר מינוט איז זי שוין געווען אין „באטהרום" אונטער'ן „שאוער", און אין א ווייליע ארום איז זי שוין צוריק געווען אין צימער ביי זיך און גענומען זיך אנטאן. דא איז זי געשטאנען אנטקעגען שפיגעל און געקאמט זיך די האר, און אט איז זי צוגעלאפען צו דער קליידער־שאפע און מיט איילענדיגע הענט געזוכט פאר זיך א דרעס צווישען איר גארדעראבע. זי האט ניט געוואוסט וואס זי טוט און אלץ איז איר געפאלען פון די הענט. איין ווייליע איז זי געבליבען שטעהן אין מיטען צימער און זי האט גארניט ניט געטאן, איז געווען ווי אין א חלום; מיט אירע אויגען געקוקט ערגעץ אין דער לופט.

(שלוס מארגען)

# די טאכטער פון א פויגעל

א רעפארטאזש־ראמאן פון דער צייט פון קריג צווישען ישראל און די אראבער

נעשריבען ספעציעל פאר'ן „פארווערטס"

פון שלמה בן־ישראל

(נאכדרוק פארבאטען)

(פארטזעצונג)

די באגדאדער פאליציי האט זיך געמאכט ניט־זעהענדיג. די רעגירונג האט געלאזט ארעסטירען אנגעזעהענע אידען פון שטאט מיט'ן אויסרייד אז זיי זיינען ציוניסטען און שפיאנען. מען האט געשמועכט, אז מען געהט קאנפיסקירען דאס גאנצע האב־און־גוטס פון די אידען. ווילדע געשיכטעס האבען זיך גענומען פארשפרייטען איבער'ן לאנד וועגען אידישע שפיאנען. וואס געהען אויפרייסען הייליגע מעשטען, פאר'סמ'ען ברונימער, שעפסען און קעמלען, פאראומרייניגען די הייליגטימער פון מאכמעדאנישען גלויבען. אלץ האט זעהר שטארק דערמאנט אן די לאנג־אויסגעפרובירטע העץ־מיטלען פון דעם בארימטען ירושלימ'ער מופטי...

די ווילדע העצע האט זיך פארשפרייט פון באגדאד איבער'ן גאנצען לאנד. פילע אידען פון באסרא, די גרויסע פארט־שטאט פון איראק, וועלכע געפינט זיך אויפ'ן „שאט איל אראב" — דארט וואו עס גיסען זיך צונויף די צוויי גרויסע טייכען טיגריס און עפראטים, האבען גענומען אנטלויפען פון דער פערסישער גרעניץ. אראבער וואס זיינען געווען פארשולדיגט צו אידען האבען אויפגעהערט צו צאלען די חובות. אידישע לעבענס, אידיש האב־און־גוטס, איז געווארען הפקר.

עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס אין אזא אנגעגליהטער העצערישער אטמאספערע איז די העצערס געלונגען אנצוקלייבען איבער צוויי טויזענט אראבער, וועלכע האבען ניט געהאט עפעס בעסערס צו טאן און האבען זיך אנגעשלאסען צו געהן קעמפען געגען „פאלאסטין".

מיט גרוים פאראד האבען די „הייליגע קעמפער" ארויסגעמארשירט פון באגדאד אויפ'ן וועג צו דער גרעניץ. דארט האט מען זיי געדארפט געבען געווער און איינטיילען אין גרופען. זיי זיינען געווען פארטיזאנער, וועלכע האבען געדארפט פארניכטען דעם אידישען ישוב פון פאלעסטינע איידער דער ישוב וועט קענען גרינדען די מלוכה.

„אינגליז מאענא!" (דער ענגלענדער איז מיט אונז!) — האבען די העצערס געשריען צו ערמוטיגען דעם עולם. ענגלאנד, האבען זיי אלעמען דערצעהלט, האט ניט געשטימט פאר דער צעטיילונג. ענגלאנד געהט פארלאזען פאלעסטינע אין עטליכע מאנאטען ארום. לאמיר זיך אריינרייסען איידער דער ענגלענדער פארלאזט. לאמיר איבערנעמען דאס לאנד פון דעם ענגלענדער. קיינער קען אונז ניט אפשטעלען אדער אפהאלטען. מיר זיינען שטארק און דער „אינגליז" איז מיט אונז!

אט אין אזא געשפאנטער, אויפגעהעצטער באגדאד האבען אונזערע דריי פריינט זיך געפונען אין דער ערשטער וואך פון דעצעמבער. פון שאפען א קאנטאקט מיט עובדיה'ן איז געווען אפגערעדט. סענדער האט אפילו פרובירט זיך פארבינדען מיט אים, איז אוועק צום אלטען זייגערמאכער'ס קראם, אבער ער האט דארט קיינעם ניט געפונען. די קראם איז געווען צעראבירט, די שויבען אויסגעהאקט און פארקלאפט מיט ברעטער. פון אלטען זייגערמאכער מיט זיין טאכטער איז קיין שפור ניט געבליבען. געהענדיג איבער די שמאלע געסלאך פון געטא האט סענדער געפיהלט ווי צעשראקענע בליקען פאלגען אים נאך פון אפיר פארמאכטע לאדענס, פון שפאלטען אין פארקאן, פון שטומע בוידעם שטיבלאך...

איבעראל אין שטאט האט מען געהערט געדונגענע רעדנער שיטענדיג פעך און שוועבעל אויף דעם באשלוס וועלכען די „אוממאט על איפטאהידא" (די פאראייניגטע פעלקער) האבען אנגענומען צוצורויבען דאס לאנד פאלאסטין פון די אראבער. עס איז געווען זעהר קלאר, אז די העצערס וועלען מער קיין פרייוויליגע קעמפערס ניט קריגען. די העצע איז אבער אנגעגאנגען אהן אן אויפהער, ווייל די הערשער פון איראק האבען צוגעגרייט דאס פאלק צו א קריג און מען האט געשאפען די „געהעריגע שטימונג" דערצו.

צוויי מאל האט סענדער געערדט צום כאדזש ער זאל זעהן שאפען א פארבינדונג מיט עובדיה'ן און יענער האט צוגעזאגט צו טאן, כאטש עס איז געווען זעהר א שווערע אויפגאבע. ענדליך, דאנערשטאג ביינאכט, איז דער כאדזש געקומען צו די יונגען מיטברענגענדיג א גרוס פון עובדיה'ן.

— כ'האב אים היינט געטראפען... עס וועט זיין אוממעגליך פאר אים אנצוהאלטען קאנטאקט מיט אייך, — האט דער כאדזש געזאגט — די אידישע קהילה איז אין א גרויסער צרה און זיי טוען אלצדינג אום צו פארמיידען א פאגראם. זיי שרעקען זיך זעהר פאר מארגענדיגען טאג, ווייל פרייטאג איז דער רוה־טאג פון די מאכמעדאנער און געווענליך העצט מען דעם עולם אויף אין אזא טאג...

— וואס־זשע זאלען מיר טאן אויב מיר וועלען זיך נויטיגען אין הילף? — האט ירמיהו א פרעג געטאן.

— אפשר שפעטער וועט ווערען אביסעל בעסער, — האט דער כאדזש געענטפערט — ביז דאן מוזט איר זיין אנגעוויזען אויף אייערע אייגענע כוחות. עובדיה האט מיר געגעבען א פעקעלע פאר אייך — האט ער צוגעגעבען אויפבינדענדיג דעם ברייטען קוטאס ארום בויך און ארויסשלעפענדיג א דיקען פאקעט — דא געפינט זיך נאהענט צו הונדערט טויזענט דינארס — האט ער געזאגט.

ירמיהו האט צוגענומען די געלט און האט באדאנקט דעם כאדזש.

— איך וועל זיך דא שטענדיג געפינען אין מעטשעט, — האט דער כאדזש געזאגט — קומט צו מיר אויב איר וועט דארפען הילף, אפשר וועל איך קענען העלפען אויב די לאגע וועט זיך בייטען. ווייטער טוט ווי איך אפרשטעהט.

— נאכאמאל א דאנק דיר, כאדזש! — האט ירמיהו געדריקט די האנט פון מואדזין — גאט וועט שוין צוהעלפען! — — —

* * *

דער האטעל „איל שארק" (אריענט) געפינט זיך אין דעם שעהנעם טייל פון באגדאד, דארט וואו די גאסען זיינען ברייטע און פארפלאנצט מיט פאלמען ביימער און וואו עס פארט דורך צוויי מאל א טאג א וואגען געשפאנט מיט צוויי מויל אייזלען פירענדיג א פאס וואסער צו באשפריצען די גאס.

דא, אין דעם דאזיגען טייל פון שטאט, וואוינען די הערשער פון לאנד, די רייכע עפענדים, די פארלאמענט מיטגלידער, די רייכע ביזנעסלייט און די אויסלענדער. דא געפינען זיך די עמבאסים פון פרעמדע רעגירונגען, די רעגירונגס געביידעס, דער קעניגליכער פאלאץ און די מיניסטעריומס פון דער רעגירונג. דא געפינט זיך אויך די רעגירונגס־באנק, די הויפט־פאליציי און דער גרויסער פאסט אפיס.

אויף די דאזיגע גאסען זעהט מען אן דאס רייכטום פון באגדאד. גרויסע גלאנציגע לימוזינען, שעהנע שויפענסטער פון געשעפטען באלויכטענע מיט עלעקטרישע ליכט, רוהיגע, אויסגעפרעסענע עפענדים אין פאשאס און פעט־לייביגע פרויען אויסגעפוצט אין טייערע זיידענע קליידער מיט פארדעקטע פנים'ער, פילען אן די גאסען פון דער טייל שטאט. דא פיהלט מען דעם ספעציעלען געשטאנק פון אריענט און זעלטען־ווען אז ארימאן פון המון דערוועגט זיך צוצוקומען צו די רייכע הייזער. נאר עטליכע אפגעריסענע אינגלעך לויפען ארום פארקויפען א צייטונג, אדער גרייט אפצופוצען די שיך פון אן אויסגעפוצטען עפענדי. קיין קראנקע, קרעציגע, בלינדע און קרומע זעהט מען דא ניט. וועה וועט זיין צו יענעם פון זיי, וואס וועט זיך דערוועגען אהער צו קומען. די פאליציי וועט אים מערדערליך צעשלאגען און פארטרייבען מיט א קללה.

דער „איל שארק" האטעל פארמאגט עטליכע און פערציג צימערן. אין דער לאבי פון האטעל געפינען זיך די אפיסעס פון דער איראקישער עראפלאן קאמפאני, ווי אויך פון דער „מיסר עיר לאינס" (עגיפטישע לופט־ליניע). אלע פאסאזשירען, וועלכע קומען אן אויף דעם „האבאניע" פליה־פעלד לעבען באגדאד, ווערען געבראכט מיט די לימוזינען צום האטעל און פון דאנעט פארען אפ לימוזינען מיט די פאסאזשירען צום האבאניע פליה־פעלד, וואס איז דער גרעסטער אין גאנץ איראק.

שוין עטליכע טעג ווי ארום דעם האטעל דרייט זיך ארום א יונגער אראבער אנגעטאן אין אן איינפאכע אבער ריינע העמד, וואס דערגרייכט ביי אים ביז די קנעכעל. זיינע שיך זיינען אייראפעאישע, אמת אפגעטראגענע אבער דערפאר ריין אפגעפוצטע. איבער'ן העמד טראגט דער אראבער א בלויען אפגעריבענעם, אבער ריינעם רעקעל, און אויפ'ן קאפ זיצט ביי אים א „פאיזליע" — די קליינע היטעלע געמאכט ווי א שיפעלע וואס איז זעהר פאפולער אין איראק.

(ווייטערס מארגען)

# דער קעניג אין בעלגיע האט געזינגט מיט די פרויען — שטימען?

(שלוס פון פעריזש 2)

...לער רובענס) האלטען, פונקט ווי זייערע דייטשע שוועסטער, פון אלע דריי „קופ'ן": קעניג, קירכע און — קינדער. זיי קינדלען ווי אין די אלטע גוטע ציישען. די וואלאנער מיט זייער איינס־צוויי קינדער־סיסטעם שרעקען זיך, אז אויב זיי וועלען באצייטענס נישט אננעמען קיין מיטלען, וועלען די פלעמער זיי איינגאנצען מאיאריזירען.

איצטער איז צוגעקומען צו דער קינדער־געפאר — די קעניג־געפאר. יוערט דעריבער ביי די וואלאנען שטארק אקטועל דער פלאן, אז אין פאל ווען לעאפאלד וועט צוריקקומען, אים איבערצולאזען מיט זיינע פלעמער און אליין צו געהן „פאר זיך".

אבער לעאפאלד'ן, אין פאל ער וועט צוריקקומען, ערווארט פריהער פאר אלץ א צווייטע איבערראשונג — א גענעראל־סטרייק.

די בעלגישע ארבייטער־פארטיי, געשטארקט פונ'ם ערפאלג פון די לעצטע פארלאמענט־וואלען (וואו זי האט געוואונען 11 מאנדאטען, אין דער צייט וואס די קאמוניסטען זיינען פון זייערע 15 מאנדאטען געבליבען ביי 6) איז אנטשלאסען באלד ווי דער קעניג וועט אנקומען קיין בריסעל, צו פראקלאמירען א גענעראל־סטרייק, וואס זאל אנהאלטען אזוי לאנג, ביז דער קעניג וועט זיך אפטרעטען.

אויך ביז־איצט האט די ארבייטער־פארטיי שוין עטליכע מאל ארגאניזירט סטרייקס צוליב דער קעניג־געפאר. צענדליגער מיליאנען דאלאר האט שוין דער קליינער בעלגיע אפגעקאסט דאס דאזיגע קעניג־שפיל. אויך די בעלגישע אינדוסטריע ליידט צוליב דער פאליטישער אומזיכערקייט פון לאנד. אבער די בעלגישע קאפיטאליסטען נעמען זיך נישט שטארק צום הארצען די דאזיגע פארלוסטען. זיי גיבען אנצוהערען, אז עס לוינט ווען לעאפאלד וועט צוריקקומען און איינשטעלען זיין שטארקען רעזשים, וועלען די אלע מיליאנען זיי אומגעקערט ווערען מיט פראצענט.

די בעלגישע ארבייטער ווייסען מיט וואס אזא רעזשים שמעקט. אויך די בעלגישע אידען ווייסען און פיהלען דאס. אידען זיינען דאך אומעטום די ערשטע, וואס דערפיהלען אין די ביינער יעדע פאליטישע וועטער־ענדערונג. דער קליינער אידישער ישוב אין בעלגיע, וואס צעהלט איצטער קוים פינף־און־דרייסיג טויזענט נפשות, האט נאך דער מלחמה ארויסגעוויזען א רירעוודיגקייט און לעבעדיגקייט, וואס א סך גרויסע אידישע ישובים וואלטען אים געמעגט מקנא זיין. אידען האבען זיך גוט געפיהלט אין בעלגיע. דאס לאנד איז קולטורעל; דעמאקראטיש, געמיטליך; די מעגליכקייטען צו פארדינען זיינען נישט קיין שווערע; אויך דער קלימאט איז א גוטער. אבער די רעאקציאנערע ווינטען, וואס האבען גענומען בלאזען אין בעלגיע, האבען דעם קלימאט פאר די אידען געמאכט א סך שווערער.

מיר וועלען וועגען דעם אויספירליך דערצעהלען אין קומענדיגען, לעצטען, ארטיקעל וועגען בעלגיע.

# מאקס געביל דערצעהלט

(שלוס פון פעריזש 2)

קעיבל, זעהר א קורצע, אבער יעדערווארט האט געשטאכען ווי מיט טויזענטער שפיזען:

„אויב דו קומסט ניט באלד אהיים, וועלען מיר מוזען שליסען דאס טעאטער."

נאטירליך, האב איך באלד געשיקט א קעיבל, אז איך קום. די עטליכע טעג, וואס איך בין געפארען אויף דער שיף, האבען מיר אויסגעזעהן ווי יאהרען. איך האב שוין מיט אומגעדולד געוואַרט צו זיין אין דער היים, און מיט מיינע אייגענע אויגען זעהן די אויפפירונג פון מיין פיעסע „וואס וועלען מענשען זאגען", וואס איז געווען אזא דורכפאל.

מיך האט אזוי שטארק ניט אינטערעסירט דער מאטעריעלער דורכפאל, ווי די פראגע פ א ר ו ו א ס האט דער טעאטער־עולם פארלאָרען דעם אינטערעס צו מיינער א פיעסע?

זאל איך האבען פארלארען דעם שליסעל צום הארץ פון מיין טעאטער־עולם; זאל איך האבען פארלארען דאס סאמע וויכטיגסטע פון מיין ערפאלג — דאס געפיל פאר דער פאלקס נשמה און דעם פולס פון טעאטער־עולם?

(וואס איך האב געזעהען אין מיין טעאטער, און פארוואס די פיעסע איז געווען אזא דורכפאל — אין קומענדיגען קאפיטעל)

# אידען זיינען די בעסטע מבינים אויף גוטע שפייזען

עס איז אן אנגענומענער כלל, אז אידען — מענער און פרויען — זיינען די בעסטע מבינים אויף גוטע שפייזען. א אידישע באלעבאסטע זוכט שטענדיג צו סערווירען שפייזען...











# די טאָכטער פון אַ פויגעל

א דעטעקטיוו ראָמאַן
פון דער צייט פון קריג
צווישען ישראל און
די אַראַבער
•
געשריבען ספעציעל
פאר'ן „פארווערטס"
פון
שלמה בן־ישראל
(נאכדרוק פארבאטען)

(פאַרטזעצונג)

ער איז זעהר א באשיידענער און א פריינטליכער, דער יונגער אראבער. אין פארלויף פון די עטליכע טעג האט ער באוויזען זיך צו באקענען מיט די שאָפערס פון די „עיר פארט" לימוזינען, מיט די בעל־באַים פון האָ־טעל און אפילו מיט דעם אויסגעדאר־טען, קרענקליכען פאליסמאן וואס דרעהט זיך ארום אין יענער געגענט. ער האט זיינע נייע פריינט מכבד גע־ווען מיט א נארגילע אין א דערביי־איגען קאפע־הויז און וועמען מיט א קאלטען טרונק, וואס ער האט בא־שטעלט ביי א פארבייגעהענדען גאסען הענדלער.

עס איז געווען שבת אין דער פרי, ווען דער יונגער סימפאטישער אראַ־בער איז געזעסען אין דערבייאיגען קאפע, וואס האט געטראגען דעם זעל־בען נאמען ווי דער האטעל און האט גערויכערט א נארגילע. עס איז נאך געווען גאנץ פרי, ארום א פערטעל צו ניין, און די קאפע איז געווען כמעט ליידיג. דורך די ברייט־צועפענ־טע טירען און פענסטער האט אריינ־געשטראמט א ווארימע זון. א גאנצע נאכט האט גערעגענט און די גאס איז געווען א ריינע, אויסגעצוואגענע, די בוימער האבען געגלאנצט פון ריינ־קייט און די לופט איז געווען א קיהלע און אנגענעמע.

— א גוטען מארגען דיר, ראזאל!
— האט דער יונגער אראבער פלוצים דערהערט א באקאנטע שטימע. ער האט זיך אומגעקוקט. אין דער אפע־נער טיר איז געשטאנען א יונגער אראַ־בער אנגעטאן אין א לאנגער, ווייסער העמד, שווארצע שיך און א קליין, ווייס קאפעלע אויפ'ן קאפ.

— אה! סולימאן! גוט מארגען! קום, זעץ זיך צו! — האט ראזאל אויסגערופען מיט פרייד — מיר איז אומעטיג!

— איך בין נאר אריין אויף א ווייל'ע, — האט סולימאן געזאגט צוזע־צענדיג זיך אויף דעם נידעריגען בענ־קעלע לעבען ראזאל'ס טישעל — איך האב געהאפט, אז איך וועל דיך דא געפינען.

סולימאן איז געווען איינער פון די בעל־באַים אין האטעל. ארבייטער זיי־נען ביליג אין אריענט און די האטע־לען און רעסטאראנען, וואו מען בא־דינט עפענדים, קענען זיך פארגינען אנצושטעלען א סך מענשען. אז עפענ־די האט ליב מען זאל אים באדינען. ווען ער קומט אריין אין רעסטאראן, גיט ער זיין שטעקען צו א באדינער, דעם פעז צו א צווייטען, די קאלאשען צו א דריטען... ווען מען פוצט זיינע שיך, רופט ער צו צוויי פוצערס, יע־דען פון זיי דערלאנגט ער איין פוס. האט ער דריי צי פיר פעקלעך, פאר־גינט ער זיך, אז דריי צי פיר טרעגערס זאלען אים נאכגעהן. עס גיט אים צו פרעסטיזש, כבוד, וואזשנעקייט. וואס גרעסער דער עפענדי, וואס רייכער ער איז, אלץ א גרעסערע סוויטע דארף זיך דרעהען ארום אים.

דעריבער האט דער „אי שארק" האטעל אנגעשטעלט צוואנציג בעל־באַים אויף זיינע עטליכע און פערציג צימערן. און פארוואס טאקע ניט? צוואנציג בעל־באַים האבען געקאסט זעכציג דינארס א וואך, צו דריי דינאר אן ארבייטער. עסען פלעגען זיי די רעשטלעך, וואס זיינען איבערגעבלי־בען פון די טעלערס פון די געסט... דערפאר אבער פלעגען די בעל־באַים פארדינען צו פינף און אמאל זאגאר ביז צעהן דינארס א וואך אין „באַק־שיש" („טיפס", טרינק־געלט), און אזא סומע האט געלאקט ניט איין אראבישען יונגערמאן.

דערצו איז עס געווען א גרויסער כבוד, א דערגרייכונג אין לעבען, צו קענען זיך געפינען אין דער געזעל־שאפט פון עפענדים, זיי באדינען און ווערען פאררעכענט פאר עפעס רעכטס.

ניט זיך מישען מיט דעם אפפאל פון דער מענשהייט אין די באזארען און שמוציגע גאסען.

— וואס אזוינס האסטו מיך גע־זוכט? — האט ראזאל געפרעגט מיט פארוואונדערונג ביי סולימאנ'ען.

— ראזאל, אז דו וועסט מיר געבען פינף דינארס, וועל איך דיר קריגען א דזשאב אלס „בעל־באַי"! — האט סולימאן אויסגערופען מיט א פייער־ליכער שטימע.

ראזאל'ס אויגען האבען אויפגע־שיינט פון פרייד. סולימאן האט צו־פרידען געשמייכעלט.

— דו מיינסט עס טאקע? — האט ראזאל געפרעגט.

— ביחיאט אללא אונעבינא מוכא־מעד אוביחיאט ראסי אואיוני אובי־חיאט אוממי אושוואראבי! (איך שווער ביי גאט און ביי אונזער נביא מאכאמעד און ביי מיין קאפ און ביים לעבען פון מיין מוטער און ביי מיינע וואנצעס!) — האט סולימאן זיך פונאנדערגעלאזט מיט א היציגען ענ־טוזיאזיזם — אז סולימאן פארלעגט זיך אויף עפעס פירט ער עס דורך. האב איך דיר דען ניט געזאגט נעכטען, אז דו קענסט זיך אויף מיר פארלאזען?

ראזאל האט זיך אפילו ניט געקענט דערמאנען אזעלכענע רייד פון סולי־מאנ'ען. גראד פארקערט: ערשט נעכטען האט אים סולימאן געזאגט, אז צו קריגען א דזשאב אין האטעל איז שווערער ווי צוצוקומען צו דער לבנה. מען דארף זיין אזוינס און אזעלכעס, טאקי נאר א סולימאן דארף מען זיין, אום זיך קענען אריינבאקומען אין האטעל אלס בעל־באי אדער ווע־טער.

ראזאל האט אבער גארניט דער־מאנט דערפון אצינד. אייגענטליך איז די נייעס וואס סולימאן האט געבראכט גאר קיין נייעס ניט געווען פאר אים. ער איז מיט א ביזון געקומען היינט פרי אהערצו, ווייל ער האט זיך גערעכנט אויף סולימאנ'ס באזוך.

מיט צוועלף שטונדען פאר דעם האט סענדער זיך „צופעליג" געטרא־פען מיט איינעם פון די „בעל־באַים" פון האטעל, איינער א סובחי זאבאלא־ווי פון באסרא. זיי האבען זיך גע־טראפען אין א קאפע וואו זיי האבען געשפילט „שעש־בעש" און סענדער האט פארשפילט צו סובחי'ן איבער דריי דינארס. סובחי איז געווען אין זיבעטען הימעל, אבער זיין שטימונג האט זיך זעהר שנעל געביטען ווען ער האט „צופעליג" זיך דערוואוסט

פון דעם פארטנער זיינעם, אז יענער קומט ערשט היינט פון באסרא און אז דארט קאכט זיך אין שטאט צוליב א בלוטיגען קריג וואס איז אויסגעבראָ־כען צווישען דער זאבאלאווי משפחה און די סולטאנים.

— אוי! וואס איך הער! — האט זיך סובחי אנגעכאפט ביים קאפ — מענש איינער! איך געהער דאך צו דער זאבאלאווי משפחה!

— דו ביזט א זאבאלאווי?! — האט סענדער זיך פארוואונדערט — אוי ווי, עס טוט מיר באנג וואס איך האב עס דיר דערציילט!

— מענש איינער! רייד! וואס הייסט עס טוט דיר באנג! דו טוסט דאך מיר די גרעסטע געפעליגקייט! וואס האט פאסירט אין באסרא?

— געגוי ווייס איך ניט נאר כ'האב עפעס געהערט, אז איינער אן אנאס־טאס סולטאני זאל זיך האבען צע־קריגט מיט איינעם א ראגעב זאבאלאווי און אים געשטאכען.

— מיין ברודער! — איז סובחי אויפגעשפרונגען ווי אן אונטערגעשא־סענער. ער איז געווען בלאס ווי די וואנט, זיינע הענט האבען געציטערט, די אויגען זיינען געווארען פארלאפען מיט בלוט.

(ווייטערס מארגען)

## קען זיך אַמעריקע פאַרגלייכן מיט רוסלאַנד אין מיליטערישע כחות?

(שלום יפון עדיטאריעל פעידזש)

מען פארגעסט דערביי איין קליינע־קייט. אויב רוסלאנד האט געשטארקט איר מיליטערישע מאשין האט זי אפ־געשוואכט איר ציווילען אפאראט. אין רוסלאנד פעלען אלץ קליידער און היי־זער, געשיר, געצייג און שפייז פאר דער ציווילער באפעלקערונג. דא פע־לען אפשר געגוג נייע פראכט־אטאמא־בילען און באזונדערע קאטעדזשעס פאר יעדער פאמיליע, אבער אלץ וואס איז נויטיג צו דערהאלטען א מענשען ביים לעבען איז דא אין א פולער מאס און אין גרויס רחבות. אין רוסלאנד און אירע פארנומענע לענדער זיינען די זאכען נישטא און וועלען ניט זיין. די ציווילע באפעלקערונג ווערט פאר־ארימט און פארהונגערט, אום צו פי־טערען די מיליטערישע חיה.

מיט א פארהונגערטער און פארבי־טערטער באפעלקערונג וועט רוסלאנד לאנג ניט קענען אנהאלטען א גרויסע אינדוסטריעלע וואפען־פראדוקציע. א כוח וואס מיליטער־מענשען נעמען זעלטען אריין אין זייער חשבון איז דער אונטערשיד אין דער פראדוקציע־פעהיגקייט פון פרייע לענדער אין פארגלייך מיט דער פון טיראנישע הערשאפטען.

אויב עס וועט קומען צו א מלחמה וועט רוסלאנד ווארשיינליך פארצייכע־נען די ערשטע זיגען. זי וועט זיי גע־ווינען מיט דער ריזען־ארמיי, וואס זי פארמאגט איצט און וואס איז שוין מאביליזירט און שטעהט פיקס און פארטיג צו מלחמה. די ערשטע שלאכ־טען זיינען אבער ניט די, וואס ענט־שיידען דעם ענדגילטיגען זיג. היטלער האט פארמאגט די סאמע מעכטיגסטע מיליטערישע מאשין, וואס די וועלט האט ווען געזעהן, און דאך האט ער קראפירט ווען אמעריקע איז אריינגע־צויגען געווארען אין דער מלחמה.

אין פענטאגאן בילדינג זיצט מען ניט מיט פארלעגטע הענט און מען איז דארט גאנץ גוט אינפארמירט ווע־גען דעם, וואס רוסלאנד טוט אויפ'ן מיליטערישען געביט. די שטעלונג, וואס טרומאן האט גענומען אין באצוג צו קארעא, איז ניט געווען א קאפריז־נע, אימפולסיווע האנדלונג. אונזערע פירער און אונזערע מיליטער־מענשען האלטען, אז פונקט ווי מיר זארגען זיך וועגען ערפאלג אדער מיסערפאלג, אזוי זארגען זיך, אהן צווייפעל, אונ־זערע געגנער אין קרעמל. אויב עס פע־לען אונז עראפלאנען, טאנקען צי וואס, דאן פעלען זיי, אהן צווייפעל, אויך אין רוסלאנד. אויב עס איז סטאלינ'ס פלאן אפצוציהען אונזערע חיילות אין ווייטע מקומות, דאן קומט אים אויך אוים אויסצושפרייטען זיי־נע ארמייען ביי פארשיידענע גרעני־צען און פראנטען. אויב, ווידער, ער וויל אונז צווינגען צו פארשווענדען אונזער האב־און־גוטס אויף וואפען און מלחמה־צוגרייטונגען, דאן איז ער דאך אויך געצוואונגען צו פארשווענ־דען רוסישען האב־און־גוטס אויפ'ן מלחמה־טייפעל.

אין אזא געיעג מוז סטאלין פארלי־רען. ער פארמאגט ווייניגער צו פאר־שווענדען ווי אמעריקע קען זיך פאר־גינען אויסצוגעבען.

# זייער צווייטער פרילינג

ראָמאַן
פון אידישען לעבען אין
אַמעריקע און פוילען

ספעציעל
געשריבען
פאר'ן
„פארווערטס"
—
פון
ראָוז שושנה

(פאַרטזעצונג)

### ווער איז דאָס רייצענדע מיידעל?

ער האט אפאר מאל געקוקט צו איר, אבער זי איז געשטאנען און אפילו נישט באמערקט ווען ער איז צוריק אריינגעקומען אין קופּע.

אים האט זיך געוואלט פארפירען מיט איר א געשפרעך, אבער זי האט געענטפערט קורץ.

איז ער געשטאנען, געקוקט אין די שווארצע פענסטער, וועלכע זיינען נאך געווים קיינמאל נישט געוואשען גע־ווארען.

ער האט בסדר געווארפען בליקען צו זיין שכנה און געטראכט אז געווים איז זי פון עפעס שטארק ענטוישט גע־ווארען. אזעלכע ענטוישטע פרויען זיי־נען א גוטער אביעקט אויף ליבע.

ער האט געעפענט דאס פענסטער. עס האט אריינגעשלאגען א קיהלע אוונט־לופט. עס זיינען אריינגעפלוי־גען גרויסע פייער רינגען. זי האט אלץ נישט געקוקט אין זיין זייט, און דאס האט אים שוין אנגעהויבען שטארק צו פארדריסען.

הערי האט זיך צוגעפייפט עפעס אן אומעטיג לידעל, אבער זיין באגלייטע־רין האט אלץ נישט רעאגירט.

— איז עס נישט צו־ווינטיג פאר אייך? — האט ער זיך פלוצלונג גע־וואנדעט צו דער מיידעל — זאל איך עס פארמאכען?

— ניין, עס מאכט נישט, זאל זיין אפען, עס איז דא זעהר א דושנע לופט.
— האט זי געענטפערט און אלץ נישט אוועקגענומען אירע בליקען פון פענס־טער.

— ביי אונז אין אמעריקע איז אויך דושנע — האט ער ווייטער גערעדט.

— אבער נישט אין דער צייט; איצט איז שוין ביי אונז דארט טיפער הערבסט, — האט זי געענטפערט קורץ.

— אה, איר זייט אן אמעריקאנע־רין? איך האב גלייך דערקענט. קיי־נער האט ניט אזעלכע שעהנע אויגען ווי די אמעריקאנער מיידלעך. די אמע־ריקאנער מיידלעך האבען אויך א שעה־נעם פרעהליכען שמייכעל, און איר —

ער האט געוואלט זאגען, אז זי איז אומעטיג, אבער זי האט באלד איבער־געריסען דעם געשפרעך און אנגעהוי־בען רעדען וועגען עפעס אנדערש.

— איך וואונדער זיך צו זעהן אז אמעריקאנער אין באהן. די אמעריקא־נער פארען אין ספעציעלע וואגאנען, אדער אין זייערע דזשיפּס.

— איך פאר איצט ניט אין דער שליחות פון דער ארמיי; עס איז א ריין פערזענליכע רייזע, און מיט א דזשיפּ איז צו ווייט צו פארען קיין טינסין, — האט ער גערעדט און גע־לאכט, כדי צו ווייזען איר זיין געזונט, שעהן מויל.

— איר פארט נאך טינסין? איך פאר אויך קיין טינסין, — האט זי גע־זאגט.

— אה, גרויסארטיג, — האט ער צופרידען געריבען די הענט — וועלען מיר האבען אן אנגענעמע רייזע.

זיין באגלייטערין האט א לייכטען שמייכעל געטאן.

— איך האב מיך פארגעסען פאר אייך פארצושטעלען, — האט ער גע־זאגט, אויסגלייכענדיג זיך מיליטעריש.

— מיין נאמען איז הערי וועקס.

— פליזד טו מיט יו — האט זי גע־ענטפערט — מיין נאמען איז פעגי עיבעל.

— פעגי עיבעל! א שעהנער נאמען, פעגי; ער פאסט פאר אזא נאאיוו קינד ווי איר זענט — האט ער געזאגט צו איר און געזעהן ווי זי לאזט אראפ פארשעמט דעם קאפ.

— א שעמעוודיג קינד, — האט ער געטראכט — אבער אזא שעהנקייט האב איך נאך אין מיין לעבען נישט געזעהן.

ער האט געווארפען צו איר זיינע ברענענדיגע בליקען, און גערעדט צו איר א זעהר אויפגעלעגטער.

— אזוי, זיינען מיר לאנדסלייט, מיס פעגי עיבעל. אזא באגעגעניש, אזא גליק! מען דערקענט באלד אין אייך אז איר געהערט צו די אריסטאקראטען פון די פעלקער, אונזער אמעריקע!

— נו, אזוי ווייט האלט עס נאך נישט, — האט זי מיט שפאס געענט־פערט — איך האב ליב אמעריקע, זעהר ליב, אבער איך האלט אז דעם אמת מעג מען זאגען אפילו וועגען אן אייגענער מאמען. אמעריקע איז דאס בעסטע לאנד אין דער וועלט, אבער איך האב דארט קיין גליק נישט געפו־נען. נישט געהאט קיין סך נחת פון מיין געבורטס־לאנד, — האט זי גערעדט שוין מיט אן אראפגעלאזענער שטימע, אין דערביי שווער אפגעזיפצט.

— אבער איר וועט דאך נישט אפ־לייקענען אז אזעלכע שעהנע מיידלעך ווי איר קענען נאר געבוירען ווערען אין אמעריקע — האט ער גערעדט מיט ענטוזיאזם.

זעהענדיג ווי פעגי פארוויינטלט זיך שטארק, האט ער צוגעגעבען:

— אמעריקע'ס פרויען זיינען די בעסטע, די שענסטע אין דער וועלט.

— אפשר, — האט פעגי געשאקעלט צווייפעלהאפט מיט'ן קאפ — אבער אין אמעריקע פארלאנגען די פרויען צופיל. יעדע מיידעל מוז גלייך האבען א קאר, א מינק קאוט און א דאימאנד רינג. אהן דעם רירט זי זיך נישט פון ארט.

— אה, — האט הערי איר איבער־געריסען די רייד — איר זייט גאר די וועלכע טאדעלט די אמעריקאנער פרויען? דאס האב איך דאך, אלס מאן, געדארפט טאן!

— איך האב ליב דעם אמת און איך קאן נישט ליידען די פוסטקייט פון די אמעריקאנער מיידלעך, — האט זי געזאגט און האט ווידער א שטארקען זיפץ געטאן, און הערי האט געהאט א סך צו קלערען. ער איז געווען זיכער אז די יונגע מיידעל האט דורכגע־לעבט א שרעקליכע ענטוישונג, אז זי איז אזש פארווארפען געווארען קיין שאנכאי.

ביידע האבען געשוויגען, און נאך א לאנגער פויזע האט זיך הערי אנגערו־פען:

— ווען כ'האב דערזעהן אייער שלאנקע פיגור, האב איך אייך אנגע־נומען פאר א פראנצויזין און איך האב נישט געוואלט קוקען צו אייך.

— אזוי ביין זייט איר אויף די פראנצויזען? — האט זי געפרעגט און געלאכט.

ער האט דערזעהן אירע וואונדער־שעהנע ציינער.

— יא, זעהר בייז; איך בין אמאל שרעקליך אנטוישט געווארען. איך האב זיך באקענט מיט א פראנצויזין און זי איז אוועקגעפירט אין מיין ווילע אין פאלם ביטש.

— איר האט א ווילע אין פאלם ביטש? — האט זי געפרעגט פאר־וואונדערט.

— און איינע אין בוירקלי, קאלי־פארניע. איך קאן זיך איינפאך אליין נישט קיין עצה געבען, און מענשען באשווינדלען מיך. אזוי איז אז מען איז איינזאם. אבער איך רעד און רעד און איר זיינט געווים מיד. איר ווילט זיך אפשר אוועקזעצען? מיר שטעהען שוין אזוי לאנג!

— ביטע, לאמיר זיך זעצען, — האט זי געזאגט און זיך אראפגעלאזט אויף דער באנק.

ווען זיי האבען זיך אוועקגעזעצט האט ער נישט אראפגעלאזט זיינע בלי־קען פון איר, און פעגי האט זיך גע־פיהלט זעהר אומאנגענעם.

הערי האט אין הארצען געלאכט פון איר נאאיוויטעט.

„זיינען נאך היינט דא אזעלכע נא־איווע מיידלעך," האט ער געמורמעלט צו זיך אליין.

פעגי האט פארמאכט די אויגען און געשוויגען.

(ווייטערס מארגען)

# אַ לעבען פון טרוימען

ראָמאַן
פון אידישען לעבען
אין אַמעריקע
פון מרים ראַסקין

(פאַרטזעצונג)

די טיר פון איר צימער איז געווען האלב־אפען. זי האט דערהערט דעם קלונג פון טיר־גלעקעל און דערנאך האבען צוויי מענערשע שטימען זיך דערהערט אין קארידאר, ווען בעלא האט צו זיי גערעדט. עלינאר האט אויף גיך ארויפגעווארפען אויף זיך א דרעס, וועלכע איז נאר איר געקומען אונטער דער האנט. זי האט שוין גע־וואלט ארויסלויפען צו די געסט. נאר זי האט נאך געמוזט א ווייל'ע זיך פארהאלטען. מיט איר האנט אויפ'ן הארצען איז זי געשטאנען א ווייל'ע, נאר אפצוכאפען דעם אטעם. פון צו־פיל פרייד קאן מען אמאל אויך ווע־רען אויפגערעגט און זיך פארלירען.

זי האט געהערט איר מאמע'ס שטימע ווי זי האט איר גערופען:

— עלינאר, מיר געהען שוין צום טיש עסען. ביזט נאך ניט אנגעטאן? איל זיך צו!

— אי עם קאמינג, מאדהער! — האט עלינאר געענטפערט מיט איר וואויל־קלינגענדיגער שטימע. און זי איז ארויסגעלאפען פון איר צימער צו באגעגענען די צוויי געסט — איר אייגענעם טאטען און איר חתן, אייב.

עלינאר'ן איז נאך איין מאל בא־שערט געווען צו באגעגענען זיך מיט לארי'ן, איר ערשטען געליבטען, וואס האט איצט געהייסען דאקטאר לאו־רענס פינקעל. דאס איז געווען אין דעם אייגענעם צימער, א קורצע צייט נאך איר חתונה מיט אייב גארדאן. זי און אייב זיינען דעמאלסט געפארען אויף זייער „האנימון", אויף וועלכען אייב האט שוין אזוי אויסגעקוקט. זיי זיינען דעמאלט פונקט ביידע פריי געווארען פון לערנען, און זיי האבען געפלאנט זייער ערסטע וואקאציע־צייט צו פארברענגען אין די בערג און צו האבען א גוטען אפרוה.

זיי האבען אויסגעקליבען דעם „וואודלאנד האטעל" אין די בערג, וואס איז געווען א קליינער פלאץ, און וואו די מערסטע געסט זיינען געווען יונגע מענשען, פארהייראטע פארלעך. די באלעבאטים פון האטעל האבען איינגעפירט אלערליי פארגעניגענס פאר זייערע געסט. א „טעניס־קאורט", א „סווימינג־פול", „באל־פלעיאינג", און נאך אלערליי אונטער־האלטונגען, וואס די יוגענט האט ליב.

אין די עטליכע וואכען, וואס עלי־נאר און אייב האבען דא פארבראכט, זיינען זיי ביידע געווארען אויסגע־ברוינט פון דער זון, און זיי האבען געוואונען אין וואג. ביידע האבען הנאה געהאט פון זיין ווייט אוועק פון שטאט, אויפ'ן לאנד, און אנקלייבען כוחות פאר זייער ווייטערדיגער אר־בייט. איבערהויפט האט אייב גע־האט גרויס פארגעניגען פון זיין איצ־טיגער וואקאציע. אלע מאל אז ער איז אין די זומערען געפארען אין די בערג, איז דאס נאר געווען צו זיין א „וועיטער", אדער א „באס־באי", צו פארדינען געלט אויף לערנען. און איצט איז ער געווען צווישען די אנגעזעהענע געסט. אייב האט אפילו אנגעהויבען אנטייל נעמען אין די אלערליי ספארט־שפילען, וואס ביז איצט האט ער גאר ווייניג פון דעם געוואוסט.

און עלינאר האט דא אויך גאר אויפגעלעבט. עס האבען זיך אין איר אויפגעוועקט נייע כוחות. זי האט אנטייל גענומען אין אלע „געימס", און ווי אלע מאל האט זי אין א שמועס זיך אויסגעצייכענט מיט אירע ענטפערס שארף און קלוג, און זי האט ביי אלעמען שטארק אויסגענו־מען.

אזוי איז אוועק א חודש צייט, און אייב האט געזאגט אז פאר אים איז שוין גענוג וואקאציע. ער איז גאר־ניט געוואוינט געווען אזוי פיל צו רוהען. און ער האט באשלאסען אז ער וועט פארען צוריק אין שטאט, צו זיין „ריסוירטש־ארבייט" אין דער לאבאראטאריע. ער איז באשטאנען אויף דעם, אז עלינאר זאל דא נאך פארבלייבען אזוי לאנג ווי איר וועט זיך גלוסטען. און דערנאך וועט ער קומען צופארען אהער אויף א וויק־ענד, און זיי וועלען ביידע צוזאמען פארען אהיים.

איז אייב אוועקגעפארען צוריק אין שטאט, און עלינאר איז דערווייל פארבליבען נאך דא אין די בערג, אין זומער־האטעל. און דעמאלט האט דאס פאסירט וואס זי האט צו־פעליג מיט לארי'ן זיך באגעגענט. עס איז געווען אזוי: לארי איז אויך פונקט אין דער זעלביגער צייט גע־קומען אין די בערג אויף זיין וואקא־ציע, אינאיינעם מיט זיין פאמיליע — זיין ווייב, ליליען, און זייערע צוויי קינדערלעך. זיי האבען זיך אפגע־שטעלט אין א האטעל ניט ווייט פון „וואודלאנד", וואו עלינאר האט זיך געפונען, ביי די וואסערמאנס, א רייכערער און גרעסערער פלאץ ווי די „וואודלאנד" איז געווען.

האט לארי איינמאל אין א פאר־נאכט, באלד נאך סאפער זיך ארויס־געלאזען אויף א שפאציר אינאיינעם מיט זיין ווייב, ליליען, איבער די גע־דרעהטע, בארגיגע וועגען פון דעם געגענט, ביז זיי זיינען פארבייגעגאנ־גען דעם האטעל „וואודלאנד", וואס האט זיך געפונען הארט ביים וועג. פונקט דעמאלט האט עלינאר זיך גע־פונען אויף דער ווערענדע, צווישען א „באנטש" פון פרעהליכער יונגווארג. ער האט איר דערזעהן, לארי. ער האט דערקענט איר שלאנקע פיגור, די געלאקטע האר. איר פיין, לענגליך פנים. זי, עלינאר, האט אים ניט געזעהן. זי איז געווען פארטאן אין דעם פרעהליכען שמועס, וואס די גרופע געסט האבען צווישען זיך גע־פירט.

ווי לארי האט דעמאלט געפיהלט איז גאר שווער צו באשרייבען. איר געשטאלט האט דאך שטענדיג גע־לעבט אין זיין זכרון, אין די טעג ווען ער האט דערפיהלט זיך איינזאם אין זיין פארהאוועטען, וואכעדיגען לע־בען, האט ער פון איר געטראכט. און איצט איז זי דא, אזוי נאהענט פון

אים. ער מוז זי זעהן. כאטש ארויסרע־דען מיט איר א פאר ווערטער, נאר ווי אזוי? זיין ווייב, ליליען, האט פון גאר ניט געוואוסט. ער וועט שוין עפעס צוטראכטען. ער וועט דאס אפלייגען אויף מארגען.

— איך בין שוין מיד, — האט ער געזאגט צו ליליען. — לאמיר געהן צוריק צום האטעל. און ליליען האט געפאלגט און זיי האבען זיך אומגע־קערט צוריק צום האטעל. לארי איז די נאכט שלעכט געשלאפען, און אויף מארגען, באלד נאך אנבייסען, האט ער געזאגט, ער וויל געהן אויף א שפאציר, נאר ליליען האט געזאגט אז זי וויל אויך געהן. עס האט ניט גע־טויגט. ערשט נאכמיטאג, אז ליליען האט זיך צוגעלייגט שלאפען, ווי איר געוואוינהייט איז געווען, האט ער זיך אויסגעקליבען געהן אויף זיין „שפאציר". ער האט נאך מיטגענו־מען מיט זיך איינע פון זיינע צוויי קינדער, דאס קליינע מיידעלע, ראזי. פארוואס ער האט עס אזוי געטאן, איז שווער צו זאגען. נאר ראזי איז אוודאי געווען צופרידען צו געהן אויף א שפאציר מיט איר פאפא.

אז לארי איז צוגעקומען צום הא־טעל „וואודלאנד", האט ער עלינאר'ן ניט געזעהן. ער האט צוגעפירט ראזי'ן צו א גרופע קינדער, געהייסען איר זיך שפילען מיט זיי, און אליין איז ער אוועק זוכען עלינאר'ן. ער האט איר געפונען אויף דער אנדערער זייט פון האטעל, וואס נאהענטער צום וואלד. זי איז געשטאנען מיט א גאנצער כאלאסטרע יונגוואַרג, וואס האבען זיך געקליבען געהן אויף א „האיק".

— עלינאר! — האט ער איר א רוף־געטאן פון דערווייטענס. זי האט זיך געגעבען א קוק אום און איז באלד צוגעגאנגען צו אים מיט האס־טיגע טריט. איצט זיינען זיי ביידע געבליבען שטעהן איינע אנטקעגען די אנדערע מיט וואונדער אין זייערע אויגען.

— לארי! וואס טוסטו דא, ווי קומסטו אהער? — האט עלינאר ענדליך ארויסגערעדט.

— איך געפין זיך אין דעם האטעל ניט ווייט פון דאנען, ביי די וואסער־מאנס.

— א, אזוי... — האט זי נאך ניט געקענט קומען צו זיך פון איבער־ראשונג.

די קאמפאני מענשען זיינען דער־ווייל געשטאנען און געווארט אויף איר. נאר עלינאר האט פון דער ווייי־טענס צו זיי א מאך געטאן מיט דער האנט אז זיי קענען געהן אהן איר, און אז זי וועט זיי שפעטער דער־יאגען. לארי האט ניט געקענט אפ־רייסען די אויגען פון איר. אירע אויסגעברוינטע גלידער, שלאנק און אויסגערונדיגט. זי איז געגאנגען אנגעטאן אין „שארטס" (קורצע הויז־לעך) און א „באנדאנא" איבערגעבונ־דען איבער די הויכע ברוסטען, און א גרויסען שטרויענעם הוט אויפ'ן קאפ. קיינמאל האט זי אים ניט אויסגעזעהן אזוי רייצענדיג ווי איצט.

— דו זעהסט אויס אזוי גוט, עלי־נאר, — האט ער געמוזט זאגען. — דו ענדערסט זיך גאר ניט. ווילסט גאר ניט עלטער ווערען.

— עס דוכט זיך דיר אוים אזוי, — האט עלינאר א לאך געטאן. — איך בין געווארען צו־פעט. דו זעהסט ניט?

— „ווי לעבט זיך דיר? ביזט דו גליקליך?" — האבען זיי אין דער מינוט געוואלט זיך איינע די אנדע־רע פרעגען, נאר אנשטאט דעם הא־בען זיי גאר גערעדט פון זייטיגע זאכען. עלינאר האט זיך אפגערו־פען:

— דער האטעל, די וואסערמאנס, וואו דו געפינסט זיך, עס איז דארט א גרויסארטיגער פלאץ, ניט אזוי?

— יע, נאר דארט איז ניטא קיין לעבען, — האט לארי איר אויף דעם געענטפערט. — אלץ וואס זיי ווייסען דארט איז נאר א סך עסען, און די נארישע ענטערטעינמענטס, וואס זיי גיבען פאר די געסט.

עס איז געקומען צולויפען דאס מיידעלע ראזי, א וויינענדיגע. זי האט זיך דארט צעקריגט מיט די קינדער.

— וואס איז, ראזי? — האט לארי דאס קינד אנגענומען פאר א הענטעלע. ער האט שוין געהאט פאר־געסען אן איר.

עלינאר האט א ווייל'ע אנגעקוקט דאס קינד. א בלאנדע קעפעל און קיילעכדיגע, בלויע אויגען, א ליאלקע־פנים. ס'איז געווען ליליען'ס פנים. לארי האט אזוי ווי דערפיהלט עלי־נאר'ס שארפען קוק. און ביי ביידען האט זיך מיט אמאל אויסגענומען די רייד. ביידע האבען געהאלטען די קעפ אראפגעלאזען נידעריג.

— איך וועל שוין געהן, — האט עלינאר געזאגט. — די כאלאסטרע ווארט דארט געווים אויף מיר.

— ווי לאנג וועסטו נאך דא זיין אין די בערג? — האט געפרעגט לארי.

— „מאי האזבאנד" (מיין 'מאן) דארף קומען נאך מיר.

— דיין מאן... — האט לארי אי־בערגערעדט.

— יע, דעם וויק־ענד וועט ער קו־מען, און מיר וועלען פארען אהיים.

זיי האבען זיך געזעגענט. לארי, האלטענדיג פאר איין האנט דאס מיי־דעלע, ראזי, האט זיך איינגעקוקט אין עלינאר'ס אויגען, ס'איז געווען ווי ער וואלט איר זאגען: — „איך האב דיך נאך אלץ ליב, עלינאר. איך וויל דו זאלסט עס וויסען"... און עלינאר האט מיט איר בליק אויך אזוי ווי אים געענטפערט:

— „צו שפעט, לארי. צו שפעט ביזטו געקומען".

אז אויפגערודערטע, א פארקלער־טע איז זי אוועק איבער דער סטעזש־קע אויפ'ן וועג צו דער גרופע „האי־קערס". זי האט געפיהלט ווי לארי שטעהט נאך דארט און קוקט איר נאך.

סוף.

